# אֶבֶן נֶגֶף

אדער

# אַ-שְׁטֵיין אִין וֶועג

והיה למקדש ולאבן נגף
ולצור מכשול לשני בתי ישראל
(ישעיה ח' יד)

ראמאן אין 4 טהייל

פון

## יעקב דינעזאהן

ערשטע און צווייטע טהייל




וואַרשא

פערלאג פון י. לידסקי בוכהענדלער

ווארשא נאלעווקי 32 №

תרס"ג




ЭВЕНЪ НЕГЕФЪ

т. е. КАМЕНЬ СПОТКНОВЕНІЯ. РОМАНЪ.

соч. ЯКОВА ДИНЕЗОНА


Въ Тип. А. Глинка, Варшава, Гусья № 20.

ВАРШАВА 1902.



—וָואתִּין גֶעהְט אִיהְר ר׳ שִׁמְעוֹן ? הָאט אַ אַלְטֶער מַאן גֶעפְרֶעגְט שַׁבָּת בַּיי טָאג בְּעגֶעגֶענְדִיג ר׳ שִׁמְעוֹן דֶעם מְלַמֵד, אָדֶער שִׁימֶעלֶע פְּלוּט, וִויא לַייט פְּלֶעגֶען אִיהְם אָנְרוּפֶען דָא אִין שְׁטֶעדְטֶעל קְלַיינִיץ. שִׁמְעוֹן אִיז שְׁטַארְק פֶערְטְרַאכְט גֶעוֶועזֶען אִין זַיינֶע מַחֲשָׁבוֹת אוּנ הָאט נִיט גֶעהֶערְט וָואס מֶע פְרֶעגְט אִיהְם אוּנ זִיךְ נִיט אָבְּגֶערוּפֶען. דֶער אַלְטֶער מַאן הָאט נָאךְ אַמָאל אַפְרֶעג גֶעטְהוּן:

—ר׳ שִׁמְעוֹן, זַייט אִיהְר טוֹיב גֶעוָוארֶען, צוּ וָואס ? אִיהְר הֶערְט גָאר נִיט וָואס מֶען רֶעדְט צוּ אַייךְ ?

עֶרְסְט אִיצְט הָאט זִיךְ שִׁמְעוֹן אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ דֶערְזֶעהֶען וֶוער דָא גֶעהְט נֶעבֶּען אִיהְם,

גוּט שַׁבָּת, ר׳ שְׁלֹמֹה ! הָאט עֶר אַרוֹיס גֶערֶעדְט אוּנ אוֹיף זַיין גֶעזִיכְט הָאט אַ שַׁיין גֶעטְהוּן אַ שְׁטְרַאהְל פוּן צוּפְרִידֶענְהֵייט פוּן דֶער בְּעגֶעגֶענִיס.

—גוּט שַׁבָּת, גוּט יָאהְר !

—דָאס הָאט אִיהְר מִיךְ גֶערוּפֶען, ר׳ שְׁלֹמֹה ? הָאט שִׁמְעוֹן גֶעפְרֶעגְט.

—אִיךְ, אִיךְ ! הָאט דֶער אַלְטֶער אַזוֹי וִויא הַאלְבּ אִין כַּעַס אַרוֹיס גֶערֶעדְט. וָואתִּין גֶעהְט אִיהְר דָאס ? אוּנ וָואס זַייט אִיהְר אַזוֹי פֶערְטְרַאכְט ? —טְרַאכְט אִיהְר עֶפֶּעס גוּטֶס, הָאט עֶר וַוייטֶער מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעזָאגְט, זָאל דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער מְצָרֵף זַיין אַייעֶרֶע גוּטֶע מַחֲשָׁבוֹת לְמַעֲשֶׂה, טָאמִיר חָלִילָה שְׁלֶעכְט, זָאל פוּן אַייעֶרֶע פוּסְטֶע גֶעדַאנְקֶען אַ טַייךְ וֶוערִין ! —זָאגְט אַדְרַבָּה, וָואס הָאט אִיהְר גֶעטְרַאכְט ?

ר׳ שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערְמָאנֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט. אַרוֹיס לוֹיפֶענְדִיג פוּן זַיין הֵיים מִיט דֶער בְּעגְלֵייטוּנְג פוּן זַיין וַוייבְּס קְלָלוֹת: „עֶר זָאל נִיט דֶערְלֶעבֶּען צוּרִיק אַהֵיים צוּ קוּמֶען״, הָאט עֶר אָנְפַאנְגְס גֶעטְרַאכְט: אַמַפָּלָה אוֹיף אִיהְר קָאפּ, אֲפִילוּ שַׁבָּת הָאט מֶען פוּן אִיהְר קֵיין רֶגַע מְנוּחָה נִיט, אוּנ הָאט פַאר זִיךְ אִיבֶּער גֶערֶעדְט: „אַ וַואהְרֶער סַמְבַּטְיוֹן, קָאכְט אוּנ זִידְט, אִיהְר מוֹיל אִיז פֶעךְ אוּנ שְׁוֶועבֶל.״ דֶער נָאךְ הָאט עֶר אַקְלֶער גֶעטְהוּן: „וָואס רֵייד אִיךְ סַמְבַּטְיוֹן ? עֶרְגֶער, אוֹיף נֶאֱמָנוֹת, עֶרְגֶער וִויא דֶער סַמְבַּטְיוֹן ! יֶענֶער רוּהְט חָאטְשׁ אוּם שַׁבָּת, זִיא וַוייסְט שַׁבָּת אוֹיךְ קֵיין רוּהּ, הַאלְט אִין אֵיין שְׁרַייעֶן אוּנ שֶׁעלְטֶען חָאטְשׁ דֶערְגֶעהּ דָא פַאר אִיהְר, פוּן סַמְבַּטְיוֹן הָאט עֶר זִיךְ דֶערְמַאנְט פוּן דָאס וָואס טְהוּט זִיךְ פוּן יֶענֶער זַייט סַמְבַּטְיוֹן: וִויא דָארְט לֶעבְּט מֶען אֵייבִּיג, אוּנ אַז מֶען וֶוערְט שׁוֹין גַאנְץ אַלְט אוּנ דָאס לֶעבֶּען וֶוערְט

איבערדריסיג, נעהמט מען ארויס אויסען טויער פון דער שטאדט לוז, און דארט ליגט א גרויסער שטיין, און אז מען לייגט ארויף דעם קאפ אויף דעם שטיין שטארבט מען באלד, אזוי גרינג, אזוי אהן יסורים אז עס איז פשוט א פערגניגען צו שטארבען. פלוצלונג האט ער זיך אפערע געטהון: „וויא הייסט דאס לעבען ווערט, דארט, פון יענער זייט סמבטיון, איבערדריסיג? וויא הייסט, דארט ווילט זיך שוין שטארבען? וועלכער שוטה וויל עס ליגען אין דער ערד און ליידען חבוט הקבר? און וואס פעהלט דארט די לוזר בעלי בתים אין זייער לעבען, אז זיי ווילט זיך שטארבען? קיין גלות ליידען זיי דארט געוויס ניט, יעדער געוויס האט זיך זיין ווייגשטאק און זיין פייגענבוים, קיה און ציגען, מילך און פוטער, און מען עסט טאקי א גוטען מיטאג, מיט מילכיגע קרעפלעך וואס שווימען אום אין פוטער, אזוי וויא ביי חיעלען אונזער גנידה אין זיין טעג. אז דער רבונו של עולם זאל מיך וועלען בענשען האטש האבען א ציעג א איינענע, וויא וואלט איך איהם לויבען און דאנקען! א נארר וואלט איך דאמאלס זיין צו וועלן גלאט אין גוטען מוטה אוועג לייגען מיין קאפ אויפ'ן שטיין און מאכען א שטארב טא וואס טהוט זיך דארט מיט די לוזר, וואס זיי ווילען שטארבען?"

דיא קשיא האט ר' שמעון שטארק געאהרט און ער האט זיך טיף פערקלערט די קשיא צו פערענטפערן, „ניט אנדערס", האט ער גערעשעט, אז דארט מוז אויך זיין צרות, דארט האבען זיי אויך ווייבער, און ליידען גלות פון די לוזר פלונית'טעס, ביז דאס לעבען ווערט זיי נמאס, אט געהן זיי ארויס אויסען שטאדט, לעגען דעם קאפ אויפ'ן שטיין ארויף און שטארבען מיט ודוי און זייער נשמה געהט זיי ארויס גרינג וויא א האר פון מילך. סדנא דארעא חד הוא: די גאנצע וועלט איז איין שטאדט, און די גאנצע שטאדט איז איין הויז און אין דעם הויז זיינען אלע מענשען אדם הראשון'ס קינדער, גאר גלייך איינער צום אנדערן, און אין לוז, פון דער אנדערער זייט סמבטיון איז אויך ניט בעסער. דארט לעבט מען אייביג האט מען אייביגע צרות, אייביגע ענויים! „געלויבט ביזטו גאט, וואס איך בין ניט אין לוז, וואס איך לעב דא אין גלות, וואו מיין לעבען איז ניט אייביג און מיינע צרות וועלן מסתמא אויך ניט אייביג זיין! אט, לאז זיך לעבען וויא עס לעבט זיך, עס וועט דאך קומען אמאל א סוף! וויפיעל לעבט א מענש? זיבציג יאהר, און אז פיעל איז אכציג יאהר; נו, קרוב צו פונפציג יאהר האב איך שוין אבגעלעבט וועט דאס ווייב מיך שעלטען נאך צוואנציג, נאך דרייסיג יאהר, און אפשר, וועט זיא גאר צו מאכען איהרע אויגען פריהער פאר מיר?.. הא? ניין! דאס ווינש איך איהר ניט, זאל זיא זיך לעבען הונדערט און צוואנציג יאהר. זיא איז א ערליכע אשה, א פרומע, זאל איהר גאט יאהרן געבען, אהן איהר וואלט איך אומגעהן אבגעריסען, אפילו דיא לאסטינגענע קאפאטע מיינע, וואלט אויך ניט צוא פנים געהאט וויא איצט און אז זיא שעלט, מיינט זי דען, איך זאל טאקי ניט דערלעבען אהיים צו קומען? חלילה, לאם איך פרובען שלאף ווערן, ווייס זיא איבער מיר ניט וואס צו טהון און טרעט פון בעט ניט אפ. אט, ווייס איך, זיא שרייט? דאס הערץ טהוט איר וועה, פון ארעמקייט שרייט זיא, פון ווייטיג, געביך, שעלט זיא, און באמת, איז זי ניט גערעכט? דארף א ארעמאן געבארן און געבאכט

מערן? דארף נאר אַ אָרעמאַן קינדער האָבען, אַז ער קען די קינדער ניט געבען אפילו טרוקען ברויט זיך זאט אנצועסען און קען מיט דערוואַקסענע טאכטער קיין שדוך ניט טהון? אט, ווען גאָטט זאל מיר העלפען, עפּיס צו שיקען אַ מציאה פון אַ מאת קארבלעך. איך זאל קאָנען די מיידלעך מיינע חתונה מאַכען און נאך האָבען אַ איינען ציגעלע, אַ ביסעל איינען מילך און דערצו אַ קנעלונג אנוטען אויף הונדערט קארבען אַ זמן. אט דאַן, וואלט איך ערסט וויסען אַז איך לעב אויף דער וועלט. און שבת ביי טאָג, וואלט איך אויך קאָנען זיך צו לעגען אויס רוהען נאך דעם טשאָלענט. ניט זיא וואלט מיך שעלטען און ניט איך וואלט מורא האָבען פאַר איהר שעלטען. איצט בין איך נע ונד און אפילו שבת מוז איך פון שטוב ענטלויפען, האָטש די אויגען קלעבען זיך צו ביי מיר פון שלאָף. נור וואָהין לויפט מען? ביז זאל איך אזוי וויסען. אפשר אַ פלאַן אַריינצוגעהן אין בית המדרש און דאָרט זיך צו ליגען אַ ווײַלע? אָבער דאָרט זיינען איצט דיא קונדסים. דיא באַר יונגען, וואָס דרייען זיך דאָרט דעם קאָפּ אַראָפּ, פון דיא שטיפעריען זייערע, אויך קיין אָרט ניט. פאַר אַכט טאָגען האָבען זיי מיך מיט נאַסע האַנדטיכער פערוואָרפען, אַז איך האָב נור אַ קאָפּ צו געלייגט, אמת איך האָב זיי אויך ניט געשוויגען, און איינעם אָנגעריסען פאַר'ן אויהער אַז ער וועט מיך געדיינקען; אָבער זיי האָבען זייערס אויסגעפיהרט און איך האָב געמוזט פון בית המדרש ענטלויפען. איצט, ווייס איך אַליין ניט, וואָהין געהט מען זיך צו ליינען? שבת שלאָפען איז אַ ענג שבת און אַ מצוה'לע אויך און גלאַט אזוי אַ גוטע זאַך. פאַר וואָס טאַקי ניט? אָבער אַ אָרעמאַן טאָהר אפילו דעם תענוג אויך ניט האָבען, האָטש עס קאָסט קיין קאָפּיקע ניט!..

—אַזוי טראַכטענדיג, האָט איהם ר' שלמה קאַהאַן בעגעגענט און אויף זיין פראַגע: „וואָס טראַכט איהר" האָט ר' שמעון ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן:

—לאָזט מיך דערמאַנען זיך ר' שלמה, וועל איך אייך זאָגען וואָס איך האָב געטראַכט, האָט ר' שמעון געבעטען און בעת מעשה אַ קלער געטהון: צו איז ניט אַ פלאַן מיט איהם אַרייד טהון מכח זיין ברודער'ס קינדער, אַז זיי זאָלען ביי איהם בלייבען לערנען אין חדר אויף ווינטער אויך? —ווייסט איהר וואָס איך קלער ר' שלמה? איך קלער צו זאָל איך ביי אייך בעטען אַ טובה צו ניט?

—ביי מיר אַ טובה? האָט ר' שלמה אַ פרעג געטהון:

—ביי אייך אַ טובה, ר' שלמה, חלילה ניט אַ גמילת חסד, איהר ווייסט דאָך שבת ברויך אַ יוד קיין געלד ניט, נאָר אזוי אַ טובה וואָס מען מאָג בעטען אום שבת אויך.

—נו זאָגט שוין וואָס פערלאַנגט איהר?

—דיא טובה איז, איהר זאָלט מיר ניט קיילע מאַכען ביי אייער ברודער ר' לייזערן, איך מיין: איהר זאָלט אויך מסכים זיין אַז זיינע ביידע יונגלעך זאָלען בלייבען לערנען ביי מיר דעם נייעם זמן אויך. פערשטעהט איר מיך, היינטיגען שבת האָט מען געבענשט ראש חודש אלול, און אין אַ פּאָר וואָכען אַרום הייבט זיך אָן ביי אונז מלמדים דער יריד, איך מיין: דעם „בין הזמנים" און איך ווייס, אַז פיעל זיינע בעלנים צו געהן בעטען ביי אייער ברודער, זיינע קינדער, וואָרום באמת וואָס

געהמט מען נאך אזא בעל הבית, וויא ר' ליזער? אזא בעלאבאסטע וויא אייער שווענערין הייעלע איז? ווער צאהלט נאך אזוי גוט און אהן עגמת נפש וויא זיי, און פון וועמען האט א מלמד אזא שאנע מתנה, אויף ארגל אויב ניט פון זיי? אט דאס, ר' שלמה, איז ידוע. גאנץ גוט ידוע אין אונזער מלמדים'שען עולם. איז טאקי דערפאר האב איך מורא, אז אן אנדערער זאל דאס גוטע ביסען ביי מיר ניט אויס־האפען און טאקי דערפאר, וויל איך אייך בעטען, אזוי וויא מיר זיינען דאך בית המדרש לייט און זיינען ביידע חסידים פון איין רבין זאל לעבען, אז איהר זאלט טאקי אייער דעה זאגען אז דיא יונגלעך זאלען מיינע תלמידים בלייבען אויף ווינטער אויך.

ר' שלמה האט געשוויגען.

—וואס זאגט איהר, ר' שלמה? האט שמעון אזוי וויא מיט תחנונים איבער געפרעגט.

—זאגט מיר ר' שמעון, האט ענדליך ר' שלמה געזאגט, פון וואגען עפים קלערט איהר, אז מיין ברודער וועט דיא קינדער ביי אייך צו נעהמען דעם נייען זמן? מכל שכן ווייסט איהר דאך, אז איהר האט מיט זיי ניט גוט געלערנט און ער איז מיט אייער פעולה ניט צופרידען.

—וואס ניט צופרידען? חלילה, אדרבה, האט זיך שמעון אבגערופען צו היצט וויא דיא פראגע וואלט איהם בעליידיגט, אדרבה, איך האב מיט דיא קינדער גרויסע פעולה געטהון, מיט מאטעלן רעדען איך, אם ירצה השם, תיכף נאך סכות אנצוהייבען חומש אין דער קלענערער יאכעלע, זאגט שוין אויך גוט עברי. חומש אנהייבען מיט איהם איז נאך פריה, אבער תרגום, אט אביסעל אין שווערע עברי מוז מען איהם געוואהנען, א פעולה, זאג איך אייך, האב איך מיט זיי געטהון גרויסע און ר' ליזער ווייס עס, ער איז גראד א מבין, נור מורא האב איך פאר אייער פלימעניצע רהלע, דאכט זיך א קלוג מיידעל, אגוטע, אויף מיר אזא יאהר, אבער, זיא וויל גאר א דעה זאגען, איהר געפעהלט ניט, מיין חדר, "איינג'ניט אויסגעקעהרט", זאגט זיא, "דיא קינדער קאנען חלילה אין אזא חדר קראנק ווערן". איז זי ניט א קינד? זיא ווייס ניט אז א מלמד איז א קבצן און קען ניט האבען א חדר וויא א פאלאסט, זיא ווייס ניט, אז מיר אלע, אז אפילו איהר ר' שלמה און אייער ברודער ר' ליזער און אייך צו לייגער יאהר, אייער ברודער ר' ראובן עליו השלום, זיינען אויך געוועזען אזעלכע ציטריגע קינדער וויא איהרע ברידערלעך, און האבען אויך געלערנט אין אזעלכע איינגע חדרים וויא זיי און געלויבט איז השם יתברך, חלילה ניט קראנק געווארן, און זיינען ארויס לומדים מופלגים! רייד מיט א מיידעל, טייטש זיא גאר מיט וואס דיא תורה ווערט געקויפט? פת במלח תאכל, ברויט מיט זאלץ, זאלסטו עסען, ומים במשורה תשתה, און וואסער זאלסטו מיט א מאס טרינקען, ועל הארץ תישן און אויף דער ערד זאלסטו שלאפען וחיי צער תחיה און זאלסט לעבען אין צער, דאס הייסט: זאלסט זיך געוואהנען, צו קאנען לעבען אין צער, וואו? באמת זעהט מען דאך, אז דיא אמת גרויסע לומדים זיינען שטענדיג אביונים און קבצנים און לעבען אין צער, הייגט נעה רעדט מיט איהר און גיב איהר צו פערשטעהן

אַז אַדְרַבָּה, וָואס עֶנְגֶער בַּיי מִיר אִין חֵדֶר אִיז, דָאס בֶּעסֶער אִיז פַאר דִיא קִינְדֶער; דָאס גִיכֶער וֶועלֶן זֵיי, אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם, לוֹמְדִים מוּפְלָגִים וֶוערֶן.

—אוּנ לֵייזֶער אִיז מִיט אֵייעֶר לֶערְנֶען צוּפְרִידֶען? הָאט ר' שְׁלֹמֹה גֶעפְרֶעגְט.

—וַויים אִיךְ, וָואס הֵייסְט צוּ פְרִידֶען? אִיהְם גֶעפֶעהְלְט לְמָשָׁל: אִיךְ זָאל מִיט דִיא קִינְדֶער לֶערְנֶען עִבְרִי מִיט דִקְדוּק, מִיט טַייטְשֶׁערִים, אָט וִויא דִיא הַיינְטִיגֶע, בַּעֲוֹנוֹתֵינוּ הָרַבִּים, לֶערְנֶען אוּנ דָאס וֶועט עֶר בַּיי מִיר נִיט פּוֹעֵל זַיין, עֶרְסְטֶענְס, וִויא קוּם אִיךְ דֶערְצוּ? צְווֵייטֶענְס, וֶועלֶן זֵיי נָאךְ צַייט הָאבֶּען צוּ וֶוערֶן טַייטְשֶׁען, מִיר אִיז אַחִדּוּשׁ אוֹיף אַייךְ, ר' שְׁלֹמֹה, אִיהְר זָאלְט דָאס נָאר דֶערְלָאזֶען? יוּדֶען זַיינֶען בָּרוּךְ הַשֵּׁם יוּדֶען גֶעוֶועזֶען אָהְן דִקְדוּק, עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען, פְרוּמֶע יוּדֶען אוּנ עֶר זָאל לֶעבֶּען אִיז דָאךְ גֶעוִויס אַ יוּד אֵיינֶס אִין דֶער וֶועלְט, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען, בַּאוֶוענְט עֶר אוּנ זָאגְט עִבְרִי אָהְן דִקְדוּק וִויא מִיר אַלֶע אוּנ וָואס הָאבֶּען מִיר פוּן דֶעם דִקְדוּק? שְׁטוּתִים! וָואס זָאגְט אִיהְר, בַּארְפֶען אַזֶעלְכֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער שׁוֹין וֶוערֶן אוֹיפְגֶעקְלֶערְטֶע קֶענְגֶער מִיט דִקְדוּק? אוּנ דָאס אִיז אַלְץ אִיהְר קָאפּ, רָחֵלֶעס, אַקְלוּג מֵיידֶעל אָבֶּער דָאךְ אַנַאר!

—הָאט קֵיין עַגְמַת נֶפֶשׁ נִיט, ר' שִׁמְעוֹן, אִיךְ וֶועל הַיינְט בַּיי אִיהְם זַיין, נֶעהְמְט אִיהְר אוֹיךְ אַבַיין אוּנ אַז עֶס וֶועט צוּ רֵייד קוּמֶען וֶועל אִיךְ מִיט אִיהְם אִיבֶּער רֵיידֶען, רֶעדְט אִיבֶּר מִיט הַייעלֶען, אִיךְ וֶועל אוֹיךְ מַסְכִּים זַיין אוּנ אוּנְז בֵּיידֶען וֶועט לֵייזֶער נָאכְגֶעבֶּען, רָחֵלְ'ן וֶועל אִיךְ נֶעבֶּען צוּ פֶערְשְׁטֶעהְן, אַז זִי אִיז אַמֵיידֶעל אוּנ בַּארְף זִיךְ אַבַיינְמִישֶׁען אִין קִיךְ, דָארְט וִויא מֶען מַאכְט אַקִינֶעל, וִויא מֶען קָאכְט פִישׁ אוּנ צִימֶעס אוּנ נִיט אִין אַזֶעלְכֶע זַאכֶען, וִויא קִינְדֶער פַאר יוּדֶען צוּ מַאכֶען, אִיךְ וֶועל אִיהְר זָאגֶען אַזוֹינְס, אַז זִיא וֶועט פַארְזָאגֶען אַ צֶעהְנְטֶען, זִיךְ צוּ מִישֶׁען אִין עִנְיָנִים וָואס אִיז שַׁיִיךְ נוּר צוּ אוּנְז, אַגוּטֶען שַׁבָּת אַייךְ דֶערְוַוייל, גֶעהְט אַבַיין, אִיךְ וֶועל דָארְט בַּאלְד זַיין!

ר' שְׁלֹמֹה אִיז זִיךְ זַיין וֶועגְס גֶעגַאנְגֶען אוּנ ר' שִׁמְעוֹן הָאט פֶערְקֶעהְרְט זַיין מַארְשְׁרוּט גְלַייךְ צוּ ר' לֵייזֶער קָאהָאנְס שְׁטוּב, ר' לֵייזֶער'ס הוֹיז אִיז אִין דֶער שֶׁענְסְטֶער גַאס אִין קְלֵיינִיץ גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנ אִין דֶער גַאס דָאס שֶׁענְסְטֶע אוּנ גְרֶעסְטֶע הוֹיז גֶעוֶועזֶן, אַלְט מָאדִישׁ אֲפִילוּ גֶעבּוֹיט, אָבֶּער טַאקִי אִיבֶּער דֶעם אַלֵיין הָאט עֶס פֶּארְנֶעהְמֶער זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זַיין שְׁטֵיינֶערְנֶעם פוּנְדַאמֶענְט, מִיט זַיינֶע פִיעל גְרוֹיסֶע פֶענְסְטֶער אוּנ מֶעהָאט בַּאלְד עֶרְקֶענְט, אַז זַיין בַּעַל הַבַּיִת הָאט קֵיין גֶעלְד אוּנ מִיה נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט שֶׁאנֶער אוּנ בֵּייגֶער אוֹיסְצוּפוּטְצֶען פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע הַייזֶער פוּנ'ם שְׁטֶעטֶעל, דִיא וֶוענְט זַיינֶען גֶעוֶועזֶן מִיט בְּרֶעטֶער בֶּעצוֹיגֶען דוּנְקֶעל בְּרוֹין גֶעפַארְבֶּען, דֶער דַאךְ פוּן בְּלֶעךְ, דֶער אֵיינְצִיגֶער בְּלֶכֶענֶער דַאךְ אִין גַאנְץ קְלֵיינִיץ, דִי לָאדֶענְס פוּן דִיא פִיעל פֶענְסְטֶער זַיינֶען אוֹיךְ גֶעפַארְבְּטֶע גֶעוֶועזֶן אוּנ דִיא פֶענְסְטֶער מִיט גְרוֹיסֶע לַאנְגֶע שׁוֹיבֶּען פוּן גוּטֶען גְלָאז, וָואס לֵייזֶער הָאט עֶקְסְטְרָא גֶעלָאזְט בְּרֵיינְגֶען פוּן וַוארְשׁוֹי, פָאר דִי פֶענְסְטֶער אִיז אַרוּם גֶעצוֹימְט גֶעוֶועזֶן אַקְלֵיין גָארְטֶענְדֶל, אוּנ שֶׁענֶע קַאסְטַאנְיֶען בּוֹימֶער הָאבֶּען אִין שְׁטוּב אַ אָנְגֶענֶעהְמֶען שָׁאטֶען גֶעגֶעבֶּען בַּיי טָאג פוּן הִיטְץ אוּנ אַ גוּטֶען גֶערוּךְ פַאר נַאכְט בְּעֵת דִי פֶענְסְטֶער זַיינֶען אָפֶען גֶעוֶועזֶן. דֶער נִיט הִיגֶער וָואס הָאט דָאס זֶעלְבֶּע הוֹיז פוּן אוֹיסְוֶוענִיג בֶּעטְרַאכְט, הָאט גֶעוִויס גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ פְּרִיצִישֶׁע הוֹיז, דִיא הִיגֶע אָבֶּער הָאבֶּען עֶס אָנְגֶערוּפֶען: ר' אַבְרָהָם

קאַטאַגס הױף װײל ר׳ אַבְרָהָם קָאהַאן, ר׳ לַײזֶערס פָאטֶער הָאט נָאךְ אין זַײנֶע יוּנְגֶע יָאהְרֶען גֶעקױפְט דֶעם פְּלאַטְץ און דָאס הױז אױסְגֶעבױט, דֶערְצוּ אױךְ אַנְדֶערֶע הַײזֶער צוּ גֶעבױט. שְׁפַּײכְלֶער און קְלֵײטֶען, אַ בְּרוּנֶען גֶעגְרָאבֶּען און דִיא גַאנְצֶע גַאס הָאט פוּן דֶעם בְּרוּנֶען װאַסֶער גֶעשֶׁעפְּט. ר׳ לֵײזֶער איז דֶער יוּנְגְסְטֶער זוּהְן גֶעװֶעזֶען פוּן ר׳ אַבְרָהָמ׳ס קִינְדֶער, דָאס הױז איז אִיהְם בִּירוּשָׁה אָנְגֶעקוּמֶען נָאךְ זַײן פָאטֶער׳ס טױדְט. דִי אַנְדֶערֶע צְװײ קִינְדֶער, דֶעם עֶלְטֶעסְטֶען ר׳ שְׁלֹמֹה׳ן און דֶעם אַנְדֶערְן ר׳ רְאוּבֵן קָאהָאן הָאט ר׳ לֵײזֶער זֵײעֶר חֵלֶק יְרוּשָׁה אױסְגֶעצָאהְלְט בִּמְזוּמָנִים און זֵײ הָאבֶּען זִיךְ הַײזֶער גֶעבױט אין אַנְדֶערֶע גַאסֶען פוּן קְלֵײנִיץ, ר׳ לֵײזֶער הָאט פוּן בַּאן אָן דָאס הױז כִּמְעַט װי אין גַאנְצֶען אִיבֶּער גֶעבױט, צוּ גֶעפִּיצְט און צוּ גֶעבױט פְלִיגְלֶען און דֶער גַאנְצֶער גְרױסֶער הױף הָאט גָאר אֵײן אַנְדֶער פָּנִים בֶּעקוּמֶען, פוּן דֶעסְטְװֶעגֶען הָאבֶּען שְׁטָאדְטִישֶׁע אײנְװָאהְנֶער עס נִיט אָנְגֶערוּפֶען אױף זַײן נָאמֶען, נוּר אױף דֶעם נָאמֶען פוּן זַײן עֶרְסְטֶען בַּעַל הַבַּיִת, "ר׳ אַבְרָהָם קָאהָאן. דִי אוּרְזַאכֶע דֶער פוּן װָאס דָאס הױז הָאט זַײן עֶרְסְטֶען נָאמֶען נִיט פֶערְלָארְן איז דָאס, װײל דָאס לֶעבֶּען און פִיהרוּנְג אין אִיהְם, זַײנֶען דִיזֶעלְבֶּע גֶעבְּלִיבֶּען װיא אין יֶענֶער צַײט בְּעֵת ר׳ אַבְרָהָם הָאט נָאךְ דָא גֶעשׁװאוּנְט, ר׳ לֵײזֶער, זַײן יוּנְגְסְטֶער זוּהְן, הָאט דֶעם פָאטֶער׳ס פִיהרוּנְג נִיט מְשַׁנֶּה גֶעװֶעזֶען. הָאטְשׁ עֶר איז אין כַּמָּה זַאכֶען אױפְגֶעקְלֶערְטֶער און הַײנְטְװֶעלְטִיגֶער גֶעװֶעזֶען אַלְס זַײן פָאטֶער אין זַײנֶע צַײטֶען און טַאקִי צוּ לִיעבּ דֶעם װָאס עֶר הָאט אַזױ פִיעל צְדָקָה גֶעטְהֵײלְט װיא זַײן פָאטֶער און דִיא טְהִירְן אָפֶען גֶעהַאלְטֶען פַאר יֶעדֶען, סַײ פַאר דִיא װָאס קוּמֶען דָא הִילְף זוּכֶען, סַײ פַאר דִיא װָאס קוּמֶען דָא אַ עֵצָה פְרֶעגֶען זֶעלְבְּסְט פַאר דִיא, װֶעלְכֶע עֶס קוּמֶען דָא גְלַאט אַזױ אַרַײן, נַײעס הֶערְן, נַײעס עֶרְצֵײלֶען אָדֶער דִיא לֵײדִיגֶע צַײט דָא בַּײ אַגְלָאזֶעל טְהֵיי פֶערְבְּרֵײנְגֶען, אַזױ װיא אין יֶענֶע יָאהרֶען בְּעֵת ר׳ אַבְרָהָם הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט, אָט טַאקִי צוּ לִיעבּ דֶעם הָאבֶּען שְׁטָאדְטִישֶׁע חֲסִידִים און גָאטְס פָארְכְטִיגֶע װַײבֶּער, זִיךְ נִיט צוּ גֶעקוּקְט אַז ר׳ לֵײזֶער איז אין כַּמָּה עִנְיָנִים נוֹטֶה צוּ הַײנְטְװֶעלְטִיגְקֵײט, און דִיא װָאס הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ יָא צוּגֶעקוּקְט הָאבֶּען אִיהְם עֶס גֶערְן מוֹחֵל גֶעװֶעזֶען און גֶעפוּנֶען אַ זְכוּת, אַז עֶר איז גֶעבֶעכְט און װײס מִסְתָּמָא װָאס עֶר טְהוּט און פְלֶעגֶען זָאגֶען: אַזֶעלְכֶע הַײנְטְװֶעלְטִיגֶע מָאגֶען זַײן פִיעל און אַז אַלֶע הַײנְטְװֶעלְטִיגֶע זָאלְן אַזױ פְרוּם און גוּט זַײן װיא ר׳ לֵײזֶער, װָאלְטֶען גָאר קֵײן אַפִּיקוֹרְסִים אױף דֶער װֶעלְט נִיט זַײן און מָשִׁיחַ װָאלְט שׁוֹין לַאנְג גֶעקוּמֶען. אִיצְט װֶען ר׳ שִׁמְעוֹן איז דָא מִיט זַײן פְּלַאן צוּ גֶעקוּמֶען, איז דִיא גַאנְצֶע גַאס אַזױ װיא אײנְגֶעשְׁלָאפֶען גֶעװֶעזֶען, װֶעלְטֶען װאו הָאט מֶען גֶעקֶענְט זֶעהְן אַ מֶענְשֶׁען גֶעהֶענְדִיג אָדֶער שְׁטֶעהֶענְדִיג, אַלֶעס הָאט גֶערוּהְט און עֶס הָאט אױס־גֶעװִיזֶען אַז לִכְבוֹד שַׁבָּת רוּהְט זֶעלְבְּסְט דִי גַאס און הַײזֶער. אױךְ דִיא בױמֶער און בְּלוּמֶען אין גָארְטֶעל פַאר דִיא פֶענְסְטֶער הָאבֶּען שַׁבָּת׳דִיג װיא צוּ גֶעדְרֶעמֶעלְט, זִיךְ אױסְגֶערוּהְט און מִיט אַבְּלֶאטֶעלֶע אַ שָׁארךְ נִיט גֶעטְהוּן, דִיא פֶענְסְטֶער זַײנֶען פַאר־הַאנְגֶען גֶעװֶעזֶען און דִי הַאלְבּ אַרָאפּ גֶעלָאזֶענֶע סְטָארְן, הָאבֶּען פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דִי אַרָאפְּגֶעלָאזֶענֶע בְּרֶעמֶען פוּן דֶעם עֹנֶג שַׁבָּת׳דִיגֶען פֶערְשְׁלָאפֶען הױז.

ר׳ שִׁמְעוֹן איז צוּם טְהִיר צוּ גֶעקוּמֶען, און אַקוּק טְהוּעֶנְדִיג, אַז דִיא סְטָארְן פוּן דִיא פֶענְסְטֶער זַײנֶען הַאלְבּ אַרָאפּ גֶעלָאזֶען, הָאט עֶר זַײן מוּטְה פֶערְלָארְן; דָא אַזױ פוּן

הָעלֶער הוֹיט אַרֵיינְצוּגֶערְן. עֶר אִיז שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ הָאט זִיךְ נָאךְ אַמָאל פֶּערְטְרַאכְט אוּנ דֶערְטְרַאכְט, אַז הָאטְשׁ דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז אֵיין שְׁטָאדְט אוּנ דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט אִיז אֵיין שְׁטוּבּ אוּנ הָאטְשׁ אִין דֶער שְׁטוּבּ זַיינֶען אַלֶע מֶענְשֶׁען אָדָם הָרִאשׁוֹנ'ס קִינְדֶער, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז אַ שְׁטָאדְט צוּ אַ שְׁטָאדְט נִיט גְלַייךְ, אַט הָאט, לְמָשָׁל: דָאס שְׁטֶעדְטֶעל ווִינָאגְרָאדְקֶע זוֹכֶה גֶעוֶועזְן דֶער רַבִּי זָאל לֶעבֶּען זָאל אִין אִיהם וואוֹיהנֶען אוּנ קְלֵיינִיךְ וָואס אִיז פִיעל גְרֶעסֶער הָאט אַזַא זְכוּת נִיט; אָט זֶעה אִיךְ לְמָשָׁל: ר' אַבְרָהָם'ס הוֹיז אִיז גְרוֹיס אוּנ שֶׁאן, לִיכְטִיג אוּנ לֶעבֶּעדִיג, הָאט אַ פָּנִים ווִיא אַ פִּידְסְט אִיבֶּער אַלֶע אַנְדֶערֶע קְלֵיינִיצֶער הַייזֶער אוּנ אִיז גָאר נִיט גְלַייךְ צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע. דֶערְפוּן טַאקִי אִיז אַ רַאֲיָה, אַז דִי מֶענְשֶׁען זַיינֶען אוֹיךְ נִיט גְלַייךְ אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן. נוּ, אַדְרַבָּה, קֶען אִיךְ מִיךְ גְלַייכֶען צוּם רֶבִּי'ן זָאל לֶעבֶּען? אַפִילוּ צוּ ר' לֵייזֶערְ'ן קֶען אִיךְ מִיךְ אוֹיךְ נִיט גְלַייכֶען, עֶר אִיז טַאקִי ר' לֵייזֶער דֶער גְבִיר, דֶער קָאפּ מֶענְשׁ, דֶער בַּעַל דֵעָה אִין שְׁטָאדְט, דֶער נַדְבָן אוּנ גֶעווִיס דֶער עֶהרְלִיכֶער יוּד אוֹיךְ, אוּנ אִיךְ בִּין שִׁמְעוֹן מְלַמֵד, שִׁמְעוֹן קַבְּצָן, אַזוֹי רוּפְט מִיךְ מַיין ווַייבּ, אוּנ אוּנְטֶער דִיא אוֹיגֶען, רוּפֶען מִיךְ הוֹלְטַאיֶעס: „שִׁימֶעלֶע פְּלוּט“ אוֹיךְ, אָדֶער שִׁמְעוֹן בַּעַל מַחֲשָׁבָה,— שׁוֹטִים! אִיהְר לַאכְט פוּן דֶעם וָואס אִיךְ בִּין אַ בַּעַל מַחֲשָׁבָה? אִיךְ בִּין נִיט אַזוֹי פוּסְט ווִיא אִיהְר; אִיךְ, אַז אִיךְ טְרַאכְט, טְרַאכְט אִיךְ עֶפִּיס אוֹיס, ווֶעגֶען וָואס אָבֶּער טְרַאכְט אִיהְר? מִיךְ אַדֶּרְט, אִיךְ מוּז טְרַאכְטֶען, אִיךְ הָאבּ אַ קָאפּ, אִין קָאפּ אַ מוֹחַ, אִין מוֹחַ אַ שֵׂכֶל אוּנ דֶער שֵׂכֶל טְרַאכְט, קְלֶערְט אַלְץ וָואס אִיז אִיהְם קָשֶׁה, אָט בִּין אִיךְ פוּן טְרַאכְטֶען צוּ דֶעם גֶעקוּמֶען, אַז עֶס אִיז טַאקִי אַ טָעוּת, וָואס מֶען זָאגְט: אַלֶע מֶענְשֶׁען זַיינֶען גְלַייךְ; ווִיא קוּם אִיךְ צוּ ר' לֵייזֶערְן אוּנ ווִיא קוּמְט אִיהְר צוּ מִיר? אָט הָאבּ אִיךְ ווייטֶער דֶערְטְרַאכְט, אַז מַיין אַלְטֶע אִיז טַאקִי גֶערֶעכְט וָואס זִיא זָאגְט: אֵיידֶער אִין אַ שְׁלֶעכְטֶען מַזָל גֶעבּוֹירְן צוּ ווֶערְן, אִיז בֶּעסֶער גָאר נִיט גֶעבּוֹירְן צוּ ווֶערְן, ווָארוּם אַז מַיין מַזָל וָואלְט גוּט זַיין וָואלְט אִיךְ אִיצְט נִיט דַארְפֶען שְׁטֶעהְן דָא אוּנְטֶערְן טְהִיר, נוּר אִיךְ וָואלְט מִיר אִיצְט שְׁלָאפֶען דָארְט אִין אַ חֶדֶר אוֹיף אַ ווייכֶען דִיוַואן ווִיא אַגְרַאף לְכָבוֹד שַׁבָּת. אַי, ווִיל אִיךְ שְׁלָאפֶען, ווִיא אוֹיף לְהַכְעִיס צוּרַייסְט זִיךְ מִיר דָאס מוֹיל פוּן גֶענֶעצֶען אוּנ דִיא אוֹיגֶען זֶענֶען פוּנְקְט ווִיא מִיט זַאמְד אָנְגֶעשָׁאטֶען!.. עֶר הָאט אַלַאנְגֶען גֶענֶעץ גֶעטְהוּן אוּנ וָואלְט נָאךְ ווייטֶער גֶעטְרַאכְט, אָבֶּער אִין דֶער מִינוּט הָאט עֶר דֶערְזֶעהְן רָחֵל'ען אִין פֶענְסְטֶער אוּנ אִיהְר קוּק אוֹיף אִיהְם הָאט אִיהְם אוֹיסְגֶעצוּבֶּעט. עֶר הָאט בֶּערֶעכֶענְט גֶעשְׁווינְד אַז אִיצְט אִיז דִיא בֶּעסְטֶע צַייט אַ רֶעד טְהוּן מִיט אִיהְר ווֶעגֶען דֶעם וָואס זִי רֶעדְט צוּ אִיהְר פָאטֶער מֶען זָאל אָבְּנֶעהמֶען אִיהְרֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ פוּן אִיהְם אוּנ זֵיי אַוֶועג גֶעבֶּען צוּ אֵיין אַנְדֶער רֶבִּי'ן, עֶר אִיז מִיט מוּטְה אַרַיין.

רָחֵלֶע, אַ שֶׁאן מֵיידֶעל פוּן אַכְצֶען יָאהְר, ר' לֵייזֶערְס עֶלְטֶעסְט קִינְד, אִיז זִיךְ גֶעזֶעסֶען מִיט אִיהְרֶע צְווֵיי בְּרִידֶערְלֶעךְ אוּנ שְׁוֶועסְטֶערְ'ל, אוֹיף אַ סַאמֶעטֶענֶע קַאנַאפֶּע אִין גָאסְטִינֶע אוּנ הָאט דִיא קִינְדֶער עֶטְווָאס עֶרְצֶעהלְט פוּן וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעלַאכְט מִיטֶן פוּלֶען מוֹיל ווִיא נוּר קְלֵיינֶע קִינְדֶער ווָעלְכֶע זַיינֶען אִין גוּטְס אוּנ וואוֹהלְטִיג עֶרְצוֹיגֶען קָאנֶען אַזוֹי לַאכֶען. אִין דֶעם מָאמֶענְט ווִיא שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ אִין טְהִיר בֶּעווִיזֶען, הָאבֶּען דִיא בֵּיידֶע יוּנְגְלֶעךְ פְּלוּצִים צוּ לַאכֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט, זֵייעֶר פְרֵייד הָאט זִיךְ ווִיא

אין מיטען אבגעריסען, דאס עלטערע יונגעל איז רויטה און בלאס געוואָרן און דער יונגערע האט זיך מיט די הענטלעך אהאפּ געטהון פאר רחל'עס קלייד אזוי ווי עס וואלט זיך איצט דערשראָקען פאר איינעם פון יענע ווילד גזלנים וואס די יונגלעך דערציילען פון זיי אין די חדר מעשׂות.

— גוט שבת! האט שמעון אויסגערעדט מיט אפריינדליכען שמייכעל.

— גוט יאָהר, האט רחל'ע געענטפערט. זאָגט מיר רבי, פאר וואס שרעקען זיך די קינדער אזוי פאר אייך? איהר שלאָגט? זאָגט דעם אמת.

— פאר וואס זאל איך זיי עפּיס שלאָגען? האט ער געפרעגט אנשטאט צו ענטפערן, זיי זיינען וואוילע קינדער, ליעבע קינדער און קאָנען גוט לערנען. קומט אהער שקצים, יונגעלעך דארפען שכל האָבען, אז א רבי קומט אריין דארף מען לויפען ענטגעגען און איהם זאָגען: „גוט שבת רבי!" און איהר שרעקט אייך נאר פאר מיר, וואס שרעקט איהר אייך, טפּשים? א מלאך המות מיט א סך אויגען בין איך? א מענש, גלייך מיט אלע מענשען און אז איך גיב אמאל א קלאפּ, קיין בייז ניט! מיך האט מיין רבי מעהר געשלאָגען, אוי געשלאָגען און ווי נאך געשלאָגען, איך האב קיינמאל אגאנץ גליד אין זיך ניט געהאט, נו, ווא דען מיינסטו ווערט מען א יוד א למדן און מען פערשטעהט די טיפענעס פון דער תּורה?

— און איך וואלט אייך בעטען רבי, איהר זאלט זיי אביסעל אויך ניט שלאָגען, האט רחל'ע פון איהר זייטע געענטפערט, מיט שלאָגען וועט איהר זיי די תּורה ניט אריינשלאָגען אין קאָפּ, שטיפען זיי זיינען זיי קינדער, עס איז זייער צייט; זיי וועלן עלטער ווערן, וועלן זיי גאר אהן שלאָגען אויפהערן צו שטיפען. קינדער פאסט צו שטיפען, דאס איז זייער נאטור, זייער לעבען, דערפון געדייהען זיי און וואקסען; און אז איהר שלאָגט זיי דערפאר, האט איהר א עבירה פאר גאט און זיי וועלן אייך שפּעטער קיינמאל ניט ליעב האָבען.

— קינדער, זאָגט, איהר האט מיך ליעב? האט שמעון זיך געווענדעט צו זיינע יונגע תלמידימלעך און האט געמיינט צו בעווייזען רחל'ען אז זיי האָבען איהם ליעב האטיש ער שלאָגט זיי א מאל, דאס עלטערע יונגעל האט עפּיס אנגעהויבען צו שאָקלען מיט די ליפּען, אָבער דאס וואס ער האט געוואָלט ארויס ריידען האט זיך איהם פון צונג ניט אראפּ געריסען ער האט אבעטענדען קוק געטהון אויף רחל'ען. ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגען: זאג דוא רחל'ע, וואס זאל איך איהם זאָגען? האב איך איהם ליעב? קען מען ליעב האָבען אזא מענשען וואס האלט מיך אין חדר איינגעשפּארט און דער צעהלט מיר מעשׂות פון פינסטערן גיהנם פון מלאכי חבלה, ווי זיי ברענען דאָרט און בראָטען אלע מענשען וואס פאלען צו זיי אין די הענד אריין?

רחל'ע האט דעם קוק פערשטאנען און האט דאס קינד צו געטוליעט צו זיך. דעם רבינ'ס אויגען האָבען זיך דערווייל בעגעגענט מיט די ליכטיגע שאָנע אויגלעך פון דעם קלענערן יונגעל, וואס זענען איצט פאל מיט טהרערן געוועזן. דאס קינד האט דעם רבינ'ס בייזען קוק געזעהן און האט אנגעהויבען וויינען, קוקענדיג אויף דאס יונגערע ברודערל האט דאס עלטערע קינד אויך צו וויינען אנגעהויבען. אויך

דאס קליינע שוועסטערל. רחל'ען האט זיך דער רבי איצט פארגעשטעלט וויא א קארשון וואס רייסט זיך אריין אין א נעסט פון יונגע פויגעלעך. זיא האט דיא קינדער מיט קושען אונ מיט גלעטען, וויא עס איז איינגעשטילט אבער אויף איהר אליין איז א אנגסט אנגעפאלען וואס זיא האט בשום אופן ניט געקענט פון זיך פערטרייבען וויא לאנג שמעון האט אויף איהר זיינע אויגען איינגעשטעלט געהאלטען.

— זאגט מיר, רבי, האט זיא מיט א פערטריבטען געפיהל אויסגערעדט. שבת איז דער גיהנם צו געשלאסען?

— ווער ווייס עס ניט? אודאי צו געשלאסען, אפילו דער גרעסטער רשע איז שבת פריי פון גיהנם.

— פאר וואס זאלען מיינע ברידערלעך שבת ניט פריי זיין פון זייער גיהנם? האט זיא געפרעגט, לאזט זיי, רבי, גענוג פאר זיי א גאנצע וואך! פערשטערט זייא זייער שבת ניט, גלויבט מיר, זיי זיינען ניט ערגער וויא יענע רשעים, וואס מען לאזט זיי שבת אויך רוהען!

זיא האט דיא קינדער ארויס געשיקט אין כאד אריין. אליין האט זיא דעם רבי'ן ביי געבעטען אין עס-צימער אונ איהם מכבד געווען מיט טהיי, אונ מיט אויבס.

— דוא ביזט א וואויל מיידעל, רחל'ע. א וואויל מיידעל, זאג איך דיר! האט שמעון געזאגט אז זיא האט איהם א גלאז זיסע טהיי צוגעטראגען, דוא ביזט גערעכט. הער איך גיב דיר מיין ווארט, אז איך וועל שוין מעהר דיינע ברידערלעך ניט שלאגען, אפילו זיי א שלעכט ווארט ניט זאגען, צו ליעב דיר רחל'ע, וועל איך זיי ניט שלאגען, אבער דקדוק לערנען מיט זיי, וויא דיין פאטער פערלאנגט, וועל איך ניט, דוא ווייסט וואס דקדוק איז? דאס איז אזא שווערער למוד, נאך שווערער וויא א בלאט גמרא מיט מהרש"א, נו, בין איך ניט גערעכט, אז איך זאג זיי זיינען נאך צו יונג? א רחמנות אויף זיי ניט אמת? —

— לערנט מיט זיי, וואס דער פאטער הייסט אייך, ער ווייס מסתמא, וואס פאר זיי איז גוט, האט זי געענטפערט אונ איז ארויס געגאנגען. דיא אנדערע גלאז טהיי האט זיא איהם צו געטראגען דיא אלטע פייגע דיא קעכין. דיא קינדער, באלד ווי זיי האבען דעם רבי'ן פאר דיא אויגען ניט מעהר געזעהן זיינען צוריק פרייהליך אונ לוסטיג געווארן.

דער רבי האט דא זיין טהיי אויסגעטרונקען, ברכה געמאכט אויף דיא גוטע זעמעל אונ בארגען, גענומען א ספר אין האנד, געקוקט, פון פערטראכטקייט ניט געזעהן אפילו דיא אותיות אין ספר, אין שטוב איז שטיל אונ שלעפעריג געווען אונ ער האט געכאפט א דרעמעל.

---

## ב.

א ביסעל שפעטער אין דעם זעלבען טאג, אז ר' ליזער איז פון זיין שלאף

צימער ארויס, האט ער דא געפונען: ר׳ שמעון זיטצט אונ דרעמעלט, דער קאפ פאלט איהם אראפ מינוטענווייז, ער ערשרעקט זיך אונ האפט זיך אויף, עפענט די פערשלאפענע אויגען אויף א מינוט אונ ווערט ווידער איינגעשלאפען, ער האט איהם ניט געוואלט וועקען אונ האט געהייסען דער אלטער פייגען איהם געבען א קישען, ער זאל דעם קאפ אונטערשפארן אונ זיך אזוי ניט פייניגען אין שלאפען מיט דעם וועלן וואך זיין, בעת עס וואכט זיך ניט.

פייגע האט איהם א קישען צו געטראגען. ר׳ שמעון האט איהר א ברכה געגעבען האט דעם קאפ אוועג געלייגט, זיך אויסגעצויגען אויף דעם דיוואן, אין א מינוט ארום האט ער אנגעהויבען צו חראפען אונ צו פייפען, ער האט פעסט געשלאפען.

חיעלע, ר׳ לייזערס פרוי, איז אויך אויפגעשטאנען, זיא האט געגעל וואסער אבגעגאסען צו רעכט געמאכט אויף זיך איהר קלייד, אונ איז אויך אין עס צימער אריין, זיא האט אויך דעם רבין ניט געוואלט וועקען אונ האט געהייסען טהיי דערלאנגען אין בעסעדקא אין סאד.

נאך דעם טהיי טרינקען האט חיעלע גענומען לייענען דעם טייטש חומ״ש. ר׳ לייזער מיט רחל׳ען זיינען געגאנגען שפאצירן.

ר׳ לייזער קאהאן איז געוועזען א יוד פון קרוב צו פערציג יאהר, הויך אונ פאל געבויט, א שאנעס געזיכט איינגעפאסט אין א שווארצען בארד, וועלכער האט זיין פארנעהמעס אויסזעהן נאך שאנער אונ פארנעהמער געמאכט. געקליידעט ניט גאר ניי מאדיש, אבער אויך ניט וויא ערגעץ א אנדער יוד פון דעם שטעדטעל, עפיס איידעלקייט, פארנעהמקייט איז אויף זיין גאנצען וועזען געלעגען. יעדער וואס האט איהם בעגעגענט, האט זיך ניט וועלענדיג מיט רעספעקט פאר איהם פערביינגען אונ איהם מיט כבוד געגריסט.

זיין טאכטער רחלע, אדער "דיא שאנע רחלע", וויא אלע האבען זי פון קינדהייט אן גערופען, האט דעם פאטערס געזיכטס-ציגען געהאט, נור מיט אבעזאנדערן חן בעשאנקען, מיט דעם חן וואס ציהט צו זיך צו יעדעס אויג וואס איז אפען א שאן בלימעלע אנצוקוקען אונ זיך פערגניגען בעוואונדערנדיג די ליעבע אנגענעהמע פארבען אונ איידעלקייט בעת עס בליהט.

רחלע האט וויא א שאנע רויזע געבליהט. קיין שאטען פון ערגעץ א דאגה אדער פערדרוס, האט נאך איהר שאנע ליכטיגע שטערן ניט בעטריבט. איהרע דונקעל שאנע אויגען פון אונטער איהרע לאנגע שווארצע ברעמען, זיינען נאך ניא פערדונקעלט געווארן פון יענע טהרערן וועלכע קומען טיף פון הארצען אונ אז זיי רייסען זיך דורך דיא אויגען ארויס לאזען זיי א טריבען וואלקען אויף דעם געזיכט, זעלבסט ווען זיי טריקענען שוין אב... אזעלכע טהרערן האט נאך רחלע קיינמאל ניט פערגאסען, דערפאר האט זיא געבליהט וויא א יונג בלימעלע אין א שאנעם פריהלינגס מארגען פאל טהוי אונ לעבען אונ די זון האט איהר ליכטיג געשיינט אונ די וועלט האט זיך איהר פארגעשטעלט בעסער, אנגענעהמער. וויא זיא האט זיך פארגעשטעלט דעם פאטער וועלכער איז דא איצט געבען איהר געגאנגען.

איהר וואוכס נאר נאך איהרע יאהרן, ניט הויך ניט נידריג. אלע איהרע

גְלַידֶער וִויא פוּן צַפוּרֶעס אַרוֹיס, וַויא עֶס וָואלְט דֶעם קִינְסְטְלֶער בֶּעזָאנְדֶערְע אוֹיפְ־מֶערְקְזַאמְקֵייט אוּנ זָארְג גֶעקָאסְט אֵיינְס זָאל נִיט עֶרְגֶער זַיין אַלְס דָאס אַנְדֶערֶע, גָאטֶעס חֵן אוּנ חֶסֶד אִיז אוֹיף אִיהְר אוֹיסְגֶעגָאסֶען גֶעוֶועזֶן פוּן פָאלֶער הַאנְד אוּנ נִיט אוּמְזִיסְט הָאבֶּען זֶעלְבְּסְט קְלֵיינִיצֶער אֵיינְוָואהנֶער, זִיא פַּאר דִיא שֶׁאנְסְטֶע אִין דֶער וֶועלְט עֶרְקֶענְט אוּנ זִיא נִיט צַנְדֶערְס אָנְגֶערוּפֶען: „דִיא שֶׁאנֶע רָחֶלֶע“ „דִיא גוּטֶע רָחֶלֶע“ וָוארוּם וִוירְקְלִיך אִיז זִיא אַזוֹי שֶׁאן וִויא גוּט אוּנ אוֹיךְ אַזוֹי גוּט וִויא שֶׁאן גֶעוֶועזֶן. דִיא קְלֵיידֶער אוֹיף אִיהְר הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג אוֹיךְ גֶעפַּאסְט אוּנ הַארְמָאנִירְט צוּ אִיהְר שֶׁאנְקֵייט אוּנ שְׁטָאדְטִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ פְּלֶעגֶען אָפְט זָאגֶען: „דֶער נָגִיד הָאט דֶעם מַזָל, דַאכְט זִיךְ, דֶערְזֶעלְבֶּער שְׁנֵיידֶער, דִיא זֶעלְבֶּע מַאטֶערְיֶע אוּנ אוֹיף אִיהְר לִיגְט דָאס קְלֵייד וִויא זִיא וָואלְט מִיט דֶעם גֶעבּוֹירֶן גֶעוָוארְן, מֶע דַארְף צוּ אַלְץ מַזָל הָאבֶּען!“ שְׁטָאדְטִישֶׁע מְבִינִים זַיינֶען נִיט אֵיינִיג גֶעוֶועזֶן, מַאנְכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: זִיא אִיז מֶעהר אֶהנְלִיךְ אִין גֶעזִיכְט צוּם פָאטֶער, אוּנ מַאנְכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: זַיי גֶעדֵיינְקֶען נָאךְ דִיא מוּטֶער, אִין אִיהרֶע יָאהרֶן, אִיז גֶעוֶועזֶן וִויא צְוַויי טְרָאפֶּען וַואסֶער גְלַייךְ צוּ רָחֶלֶ'ען אִיצְט, הָאטְשׁ אִין יֶענֶע יָאהרֶן אִיז חַייעלֶע נָאךְ נִיט אַזַא פְּרַאנְטִיכֶע גֶעוֶועזֶן, אָבֶּער אוֹיף אִיהְר פְּלֶעגֶען אוֹיךְ דִיא קְלֵיידֶער אִיהרֶע לִיגֶען וִויא אוֹיסְגֶעגָאסֶען. נוּר וֶועגֶען אִיהְר גוּטְסְקֵייט, הָאבֶּען אַלֶע מוֹדֶה גֶעוֶועזֶן אַז זִיא אִיז נוּר אִין פָאטֶער גֶעְרָאטְהֶען. אוֹיךְ אִין אִיהְר רֵיידֶען, אִין אִיהְר פֶערְטְרַאכְטֶען זִיךְ, אִיהרֶע פֶאהִיגְקֵייטֶען אַלֶעס אוֹיפְ־צוּפַאסֶען אוּנ צוּ בֶּעגְרֵייפֶען הָאט מֶען גֶעזָאגְט: „זִיא הָאט דֶעם פָאטֶערְס קָאפּ אוֹיף זִיךְ, זִיא אִיז ר' אַבְרָהָם קָאהַאנְס אַ אֵיינִיקֶעל, זִיא הָאט אִין וֶועמֶען גֶערָאטְהֶען צוּ זַיין!“

אַז חַיילֶע פְלֶעגְט אַמָאל הֶערן זָאגֶענְדִיג: רָחֶלֶ'ע אִיז, אָהְן אַ בֵּייז אוֹיג, פּוּנְקְט דֶער פָאטֶער“, פְלֶעגְט אִיהְר פוּן אֵיין זַייט אַ הֲנָאָה טְהוּן צוּ הֶערן וִויא מֶען לוֹיבְּט דֶער מִיט אִיהְר קִינְד אוּנ אִיהְר מַאן צוּ גְלַייךְ, פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייטֶע אָבֶּער הָאט עֶס אִיהְר אוֹיסְגֶעוִויזֶן, אַז צוּ לִיעבּ אִיהְר קִינְד וֶוערְט זִיא אִין גַאנְצֶען נִיט אָנְגֶעזֶעהְן, נִיט מִיט אִיהְר שֶׁאנְקֵייט, נִיט מִיט אִיהְר שֵׂכֶל אוּנ פְלֶעגְט מִיט דָאסַאדֶע אוֹיסְרֵיידֶען דִיא וֶוערְטֶער: „לָאז זִיא זַיין אַזוֹי שֶׁאן וִויא אִיהְר פָאטֶער, פוּן מַיינֶעטְוֶועגֶען אוֹיךְ אַזוֹי גוּט וִויא עֶר, אָבֶּער פְרוּם זָאל זִיא זַיין וִויא אִיהְר מַאמֶע, אוּנ זָויא אִיהְר מַאמֶעס מַאמֶע!... אִין אִיהרֶע יָאהרֶן בִּין אִיךְ אוֹיךְ גֶעוֶועזֶן אַ פֶּערְשׁוֹין, אִיצְט נֶעהמְט גָאט מַיין שֶׁאנְקֵייט אוּנ לֶעגְט עֶס אוֹיף מַיין קִינְד, אוּנ דִיא מַאמֶע דַארְף נוּר זַיין גְלִיקְלִיךְ דֶער מִיט!“

עֶס פְלֶעגְט פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען טְרֶעפֶען אַז חַיילֶע פְלֶעגְט רָהֶלֶען צוּם שְׁפִּיגֶעל צוּ פִירֶען אוּנ דָא זִיא אוּנ זִיךְ גוּט בֶּעטְרַאכְטֶען אוּנ הָאטְשׁ זִיא פְלֶעגְט אוֹיךְ גֶעפִינֶען אַז אִיהְר שֶׁאן קִינְד אִיז צוּם פָאטֶער אֶהנְלִיכֶער אַלְס צוּ אִיהְר, פְלֶעגְט זִיא אָבֶּער אוֹיךְ גֶעטְרֵייסְט זַיין אוּנ אַוֶועג גֶעהְן פוּן שְׁפִּיגֶעל מִיט דֶעם בֶּעוואוּסְט זַיין, אַז זִיא, חַיילֶע, אִיז נָאךְ אוֹיךְ גֶענוּג שֶׁאן אוּנ אִיז זִיא נִיט אַזוֹי יוּנְג וִויא אִיהְר רָחֶלֶע אִיז זִיא דֶענָאךְ דִיא שֶׁאנְסְטֶע אוּנ פָארְנֶעהמְסְטֶע פְרוֹי אִין קְלֵיינִיץ גֶעוִוים אוּנ אֶפְשָׁר אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט וִויא קְלֵיינִיץ אוֹיךְ, — וָואס מֶעהר רָהֶלֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רַייפֶער אוּנ שֶׁאנֶער וֶוערן דָאס מֶעהר הָאט חַייעלֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיף זִיךְ צוּ קוּקֶען אִין שְׁפִּיגֶעל, זִיךְ קְלֵיידֶען שֶׁאנֶער, זִיךְ פוּטְצֶען אוּנ הִיטֶען אִיהְר גֶעזִיכְט פוּן דֶער זוּן אוֹיפְן גַאס אוּנ

פון פייער אין קיך פונקט וויא זיא וואלט מורא געהאט, אז אין דעם ערך וואס איהר קינד ווערט שאנער מוז זיא מאוסר ווערן אונ וואס מעהר עס האט זיך רחל'עס גוט הערץ אונ אידעל געפיהל אנגעהויבען ארויס צייגען, דאס מעהר האט חייעלע אנגעהויבען ארויס ווייזען איהר פרומקייט, איהר גאטספארכטיגקייט אונ איהר אמונה אין רבין זאל לעבען אונ האט זיך געלאזט ערקאנען זיינע גבאים אונ זיינע חסידים, אונ טאקי דערפאר האט זיא אפט מעהר אכטונג געוויזען דעם אלטען ר' שלמה'ן, איהר מאנ'ס עלטערן ברודער אלס איהר מאן זעלבסט, ווייל ר' שלמה איז אויך געווארן א חסיד נאך זיין פאטערס טוידט אונ פאהרט צום רבין עטליכע מאל אין יאהר, אויך שמעון מלמד איז ביי איהר געוועזן א תקיף פאר זיינע חסידות חאטש איהר מאן אונ איהר קינד האבען איהם ניט ליעב געהאט.

געהענדיג אזוי שפאצירן האט רחל'ע ערצעהלט דעם פאטער דיא סצענע מיט ר שמעון אונ דיא קינדער. דער פאטער האט איהר צו פערשטעהן געגעבען, אז ער האט קיין אנדער ברירה ניט. קיין בעסערע מלמדים זענען ניטא, יעדער לערנט מיט זיינע תלמידים מיט דעם זעלבען דרך וואס זיין רבי האט מיט איהם געלערנט. יעדער געדענקט דעם קאנטשיק וואס ער האט אין זיין צייט אויסגעליטען אונ מיינט אז אנדערס קען גאר ניט זיין. מען מוז ליידען, ליעב קינד. ביז אצייט; לאזען דיא קינדער עלטער ווערן, אז גאט וועט כיך לעבען לאזען, האף איך, וועלן זיי לאנג פון זייער רבין שמעלען ניט ליידען.

— אבער עס איז דאך א רחמנות אויף זיי, זומער איז נאך א האלבע צרה, זיי געהען ארויס שפילען אויפן הויף. אבער זיטצען ווינטער אגאנצן טאג אין דעם ענגען חדר'ל, זיך אנציהען מיט דעם רויך פון רבינ'ס הילצערנע פיפקע וועלכע ער לאזט פון מויל ניט ארויס, דערצו נאך בעקומען א שמיץ מיט זיין קאנטשיק איבער זייערע יונגע ביינדעלעך, דאס איז דאך א גיהנם א וואהרער פאר זיי אונ זייער רבי איז זייער גיהנם שמש!....

— מיין טאכטער, האט דער פאטער געענטפערט, פערגעס ניט, מיין קינד, אז זיי דארפען ניט בעסער זיין אלס אנדערע קינדער, איך ווייס פאלע, וואס קינדער זיטצען נאך האלב הונגעריגע אונ האלב נאקעטע אין נאך ערגערע חדרים וויא שמעון'ס חדר, גלויב מיר, זיי זענען אויך פון בלוט אונ פלייש. אויך ציטריגע קינדער ביי זייערע טאטעס אונ מאמעס; מיר דארפען ביי זיך אליין ניט צו גרויסע יחסנים זיין, מיין קינד.

רחל'ע האט א זיפץ געטהון, פאטער האט זי געזאגט, איז אפשר מעגליך דו זאלסט איהם ביי אונז אין פליגעל אבגעבען א צימער זיין חדר צו מאכען? איך וואלט קענען אכטונג געבען אויף דיא קינדער. יעדענפאלס וואלטען זיי זיטצען חאטש אין א בייגעם גערוימען חדר.

— איך האב עס שוין אליין געטראכט, אבער איך מוז דיר דעם אמת זאגען מיין טאכטער, איך וויל שמעון'ן אזוי נאהענט ניט האבען, איך ווייס ניט פאר וואס, נור איך האב איהם פארט ניט ליעב. מיט אזעלכע וויא ער איז מיר ליעבער פון ווייטען צו זיין.

ז, האב איהם אויך ניט גערן, האט זיא זיך אבגערופען, עס קומען צו אונז אין שטוב אריין הונדערטער מענשען. קיינער מאכט אויף מיר אזא איינדרוק ניט וויא ער. איך פרעג ביי זיך: וואס האב איך צו איהם? וואס האט ער מיר פאר א שלעכטס געטהון? אפט צוגעהט מיר דאס הערץ קוקענדיג אויף זיין צוקנייצטע הויט וואס דעקט צו קוים דיא ביינער פון זיין עלענד פנים. איך גיב איהם גערן א טרונק ברוינפען, אגלאז טהיי, אמאל לייה איך איהם עטליכע קאפעקעס. איך ווייס, ער איז הונגריג אונ פערשמאכט, דענאך פיהל איך יעדעסמאל ווען איך דערזעה איהם, וויא אוויטיג אין הערצען אונ זיין רחמנותדיג פנים שטעהט מיר פאר מיינע אויגען האטש איך זעה איהם שוין ניט.

– עלענד, ארעמקייט, קען קיין בעסערן איינדרוק ניט מאכען, מיין קינד. נאט זאל דיך אבהיטען זיך צו בעגעגענען מיט זיי!

זיא האט ווייטער ניט געפרעגט אונ אזוי זיינען זיי שטיל אונ פערטראכט געגאנגען ביז אויסען שטאדט. ניט גרויס איז דאס שטעדטעל געוועזען אונ ניט פיל האט מען בעדארפט געהן ביז צו קומען אויסען שטאדט. וואו עס האבען זיך דיא שטאדטיגע הייזער געענדיגט איז דיא לופט פרישער אונ ריינער געווארן אונ דיא שפאצירענדע זיינען זיך ווייטער גלייך מיט דעם וועג געגאנגען, וועלכען עס האבען וויא א סכה אריבער געדעקט גרינע צווייגען פון דובאווע בוימער געפלאנצטע דא נאך פון אלטע צייטען. ווייט פון שטאדט זיינען זיי צוגעקומען צו דער פערדרויבערטער קורנא, פון וועלכער דער שמיד האט איצט ארויס געטראגען ארויטע אנגעגליהטע פאדקאווע אונ האט זיא צרויף געלעגט אויף דער נאקאוואלנע. אקליינער לערן יונגעל האט אנגעהויבען קלאפען דארויף מיט א שווערן האמער אונ פונקען זענען געפלויגען פון אלע זייטען.

– אויך אייזען קען מען ווייך מאכען! האט דער פאטער ארויס גערעדט אונ איז געבליבען שטעהן.

– געגען וואס זאגסטו עס, פאטער? האט רחלע געפרעגט. ער האט אקוק געטהון אויף איהר צארטליך אונ האט ניט געענטווערט. זיא האט ניט איבערגעפרעגט. אין דיא לעצטע צייטען האט זי אנגעהויבען שפירן עטוואס אין פאטער וואס פריהער האט זיא עס אין איהם ניט בעמערקט, אדער קיינמאל זיך וועגען דעם ניט בעקימערט. איצט האט זי געפיהלט, אז איהם דריקט עטוואס. ער טראגט עפיס אין זיין הארצען. וואס ער קען איהר ניט זאגען, איהר האט דאס הארץ וועה געטהון, זיא האט איהם אלס קינד היים געליבט, איהם געאכטעט אונ פערעהרט וויא דעם איינציגען ארדענטליכסטען אונ פיינסטען מענשען וואס זיא האט געקענט אין איהר גאנצער וועלט. זיא האט אבער פאר ניט ארדענטליך געהאלטען איהם איבערצופרעגען דאס וואס ער ענטפערט ניט אויף איינמאל פרעגען.

ער איז דא א מינוט געשטאנען אונ צוגעקוקט וויא דער אלטער שמיד בייט דיא פאדקאווע וויא איהם געפעהלט. ער האט זיך אין דער רגע דערמאנט, אז מיט פיעל יאהרן צוריק, בעת ער איז נאך אקליין יונגעל געוועזן איז ער דא אויך געשטאנען אונ געקוקט וויא דער איינער שמיד האט אויך דאמאלס פונקט וויא

איצט אפאדקאווע געשמידט. נור דאמאלס וואר דער קאפ-ווינער נאך ניט אזוי ווייס בעשנייט וויא איצט. זיינע הענט ניט אזוי אויסגעטריקענט אונ דיא אדערן האבען דורך די הויט ניט אזוי דורך געקוקט וויא אין דער מינוט. "דרייסיג יאהר זיינען אזוי אריבער פון יענער צייט", האט ער געקלערט, יוא, דאס איז אגוטע העלפט פון מענשענס לעבען. וויא אנדערס האב איך דאן געקוקט אויף דעם שמיד אונ אויף זיין ארבייט אלס איך קוק איצט! וואלט איך איצט יענע קינדערשע יאהרן האבען צוריק, צוריק א קינד ווערן וויא געוועזן, איך וואלט שוין וויסען וועלכען וועג צו געהן אונ ניט בלאנזען וויא היינט; אבער נור איינמאל איז מען יונג אונ יעדער פעהלער אין דער יוגענד בעת מען ווייס ניט דיא צייט וויא צו בענוטצען, איז פערפאלען, אוועק אין דער עוויגקייט, אונ קיין שכל אונ פראקטיקע וועלן צוריק ניט אומקעהרן דאס וואס איז אין דיא קינדער יאהרן פערלארן געווארן!".

ער האט אקוק געטהון אויף רחל'ען, זיא איז אויך פערטראכט געוועזן, "איז ניט נאריש פון מיר?" האט ער ווידער זיך געפרעגט, וואס מיר ווילט זיך איצט צוריק אקינד ווערן אום אויסצובעסערן דאס וואס איז איצט אין מיין לעבען, דורך יענע קינדער יאהרן ניט וויסענדיג פערדארבען געווארן? ברויך איך יעטצט פערלאנגען וואס אונמעגליך איז. בעת מיין ליעב קינד איז געבען מיר אונ איך קען אלעס טהון פון איהרעטוועגען זיא גליקליך צו מאכען מיט דער ערפאהרונג וואס דיא צייט האט מיר געגעבען אונ וואס קאסט מיר אזוי פיעל זארג אונ טהרערן? — נארעשקייט, איך האב ניט מיט וואס אונצופרידען צו זיין. דיא פרייד וואס איך האב קוקענדיג אויף מיין קינד, ווי עס איז געראטהען, וויא עס בליהט אונ וויא עס פערשטעהט מיך. ווען איך רייד, זעלבסט ווען איך שווייג. דיזע פרייד איז אים שטאנדע אבצוקויפען אלע אונאנגענעהמליכקייטען וואס איך האב אין לעבען. יא, איך קען ווידער צופרידען אונ גליקליך זיין! מיט א טעות נור האב איך געמיינט אז דיא יוגענד קעהרט ניט צוריק; זיא קעהרט צוריק, זיא קומט נור אין א אנדער געשטאלט. "א קינד האבען", הייסט: "צוריק דיא קינדערשע יאהרן בעקומען". דיא יוגענד מוז שטענדיג אונערפאהרן זיין דאריבער בלייבען דיא אלטערן מיט זייער ערפאהרנהייט דאס אונערפאהרענע קינד אין רעכטען וועג צו לייטען. דאס קינד איז קיין צווייטע פערזאן. נור דיזעלבע פערזאן וואס איז געוועזן אין מיר אין יענער צייט בעת איך בין אין איהרע יאהרן געוועזן איז מיין קינד איצט אונ איך בין ווידער יונג, ווידער אקינד אין מיין רחל'ען! אונ ווירקליך, צו וואס לעבען דען אלטערן? לעבען זיי דען ניט צו ליעב דעם נור זיי זאלען זייערע, אין יוגענד בעגאנגענע פעהלער אין זייערע קינדער אויסבעסערן? יוא, אזוי איז עס, אלטערן לעבען צו ליעב זייערע קינדער, דיא קינדער לעבען צו ליעב דעם, זיי זאלען אויך אלטערן ווערן, אונ אזוי בענייט זיך דיא וועלט: פון יונג ווערט אלט, פון אלט ווידער יונג, וויא טאג אונ נאכט, וויא זומער אונ ווינטער, אין אלטערן אונ קינדער איז דיא עוויגקייט, דער איממערוועהרענדער נאטור וועקסעל. גליקליך איז דער וואס פיהלט עס, וואס ערקענט עס אונ ווייס דיא צייט וויא צו בענוטצען צום גוטען וואס גאט פערלאנגט!..—

רחל'ע האט זיך אויך פערטראכט. דא אויסען שטאנדט האט זיא אלע ארטער

דערזעהן וואו זיא פלעגט אַמאָל אין אירע קינדער יאָהרן אומלויפען מיט אירע חבר'טאָרינס. דאָ פלעגט זיא צוקוקען דיא מלחמות פון דיא יונגלעך פון פערשידענע חדרים, וואו איהר שוועסטער קינד, משה'לע איז דער מלך געוועזען און פלעגט די יונגלעך מוסטירן וויא די סאָלדאַטען און ניט לאָזען אַז וועהר פון זיי זאָל זיא אַוועק טרייבען אָדער אַ שטיין וואַרפען וויא זיי פלעגען טהון אַנדערע מיידלעך. אַלע אָרטער דאָ אויפן פרייען פעלד זיינען איהר גוטע בעקענטע געוועזען: אָן דאָרט דאָס וועלדעל, וואו משה'לע פלעגט אַלע תשעה־באָב געהן מיט זיינע חברים ניס רייסען, און דאָרט דאָס זינג פויגעלע; אָך, עס זינגט נאָך דאָס זעלבע לידעלע אַזוי זיס, אַזוי ליעב וויא דאַמאָלס! וויפיעל מאָל האָט דער איינענער משה'לע געוואָלט עס מיט אַ שטיינדעל פון זיין נעסט פערטרייבען און זיא פלעגט איהם אַלץ בעטען ער זאָל עס ניט טהון. און דאָ אונטער דעם בוים פלעגט זיא מיט איהם זיטצען, זיך צו הערן דאָס זיסע לידעלע, זיך אויסרוהען פון דעם ווייטען וועג. וואָס זיי זיינען געגאַנגען פון דער היים ביז דאַנען. זיא האָט זיך איצט דערמאָנט וואָס משה'לע פלעגט איהר דאַן ערצעהלען, אַז דאָס פויגעלע זינגט שירה צו גאָט, גאָט פערשטעהט דאָס לידעלע; דאָס פויגעלע איז אַפרומע פויגעלע, וואָס האָט געטראָגען וואַסער אין זיין פיסקעלע צולעשען דאָס פייער בעת דער בית המקדש האָט געברענט. דאָס פויגעלע ווייס נביאות צו זאָגען און ברייננט גוטע בשורות און זאָגט זיי אָן אַז עס פליהט אויפ'ן שויב אַרויף. זיא האָט איצט אויך דאָס לידעלע געהערט זינגענדיג. שטיל און איינזאַם וואַר דאָס פעלד אַרום און דאָס געזאַנג פון פויגעלע האָט זיך קלאָר געהערט און רחל'ע האָט געמיינט זיא איז אַקינד. זיא געהט עס ניט מיט איהר פאָטער אָבער מיט זיין ליעבען פלימעניק משה'לען וויא אין יענע יאָהרן אַז זיי זיינען נאָך ביידע קליינע קינדער געוועזען. אַזוי טראַכטענדיג האָט זיא ניט געמערקט וויא פערטראַכט דער פאָטער איז. אַזוי זיינען זיי צוגעקומען צום ברעג וועלדעל. דאָ האָט דער פאָטער אויפן טרוקענעם גראָז זיך אַראָפּ געלאָזען, רחל'ע האָט פאַרשפּרייט אַטיכעל און זיך אויך געזעצט.

– הערסטו, מיין טאָכטער, דאָס פויגעלע זינגען? האָט דער פאָטער געזאָגט פונקט אַזוי האָט מיט דרייסיג יאָהר צוריק דעם פויגעלעס אַעלטער עלטער זיידע געזונגען, דאַמאָלס בין איך נאָך אַ קליין יונגעל געוועזען און פלעג דאָ אויך שבת ביי טאָג זיטצען אונטערן בוים און האָרכען זיין געזאַנג. אַלץ דאָס איינענע לידעלע, אַלץ דיא זעלבע שטימע! גליקליכע בעשעפענס'ן זיינען דיא פויגעלעך. זיי דאַרפען גאָר ניט זאָרגען פאַר זייערע נאָכקומענדע קינדער און דורות. זיי מאָגען זיכער זיין אַז יענע וועלן אויך ניט ערגער זינגען אַלס זיי אַליין; אָבער וועהר קען אונז מענשען פערזיכערן, אַז אונזערע קינדער נאָך אונז וועלן אויך אַזוי שאָן דאָס לעבענס לידעלע זינגען וויא מיר זייערע עלטערן?

– פאָטער, האָט רחל'ע געענטפערט, דיא פויגעלעך זינגען ווירקליך איצט פונקט אַזוי און מיט דערזעלבען שטימע וויא עס האָבען זייערע עלטערן געזונגען מיט דרייסיג, אָדער מיט פיעלע הונדערטען יאָהרן צוריק. אָבער איבער אַיאָהר און איבער הונדערט יאָהר וועלן זייערע קינדער אויך אַלץ דאָס זעלבע לידעלע זינגען און ניט בעסער אויף

אין האר. וויא דאס ערסטע אזוי וועט אויך דאס לעצטע פויגעלע זינגען; מיר מענשען זינגען טאקי אמאל ערגער אין אונזער צייט אלס עס האבען געזונגען אונזערע עלטערן זייער לעבענס לידעל אין זייער צייט, דערפאר אבער טרעפט אויך דאס מאנכע קינדער זינגען אויך בעסער, זיסער אונ אנגענעהמער. ניט אמת, פאטער, די פויגעלעך ווערן געבוירן מיט זייער לידעלע? זיי לערנען עס ניט. אונ קענען ניט בעסער קענען אלס זיי זיינען פון נאטור געבוירן, מיר ווערן געבוירן גאנץ אונוויסענד אונ קאנען גאר ניט, אבער אז מיר לערנען קאנען מיר ערבייכען וואס בעסער אונ וואס ערהאבענער איז! ...

ער האט איהר קאפ צו געדריקט צו זיין ברוסט אונ איהר אקוש געטהון.

— יא מיין קינד, דוא ביזט מיין זינג פויגעלע, אבער איך ווינש דיר א שאנערעס אונ ליבערעס לידעלע צו זינגען אין דיין לעבען אלס עס זינגען דיין פאטער אונ דיינע מוטער... איך האפע אונ איך בין כמעט זיכער אין דעם, נאט זאל מיך נאך לאזען הערן דאס בעסערע לידעלע וואס דוא וועסט זינגען מיין ליעב קינד!

— ווען דוא ווילסט דווקא בעסער. ליבער פאטער, מוז איך דיר עס נאך געבען אונ בעטען ביי גאט ער זאל דאס לידעלע מיר פארזינגען, זאנסט ווינשע איך מיר נור אזוי גוט צו זיין ווי מיין פאטער איז, אזוי בעליבט אונ אנגעזעהן ביי מענשען צו ווערן ווי ער, אויך אזוי אויסלעבען מיינע יאהרן ווי מיין גוטער קלוגער זיידע. אך, ווען אלע זאלן אזוי גוט אונ פרום זיין ווי מיין זיידע, אזוי אנגעזעהן ביי לייטען אונ אזוי קלוג אונ עהרליך זיין ווי מיין פאטער איז וואלטען עלטערן גאר ניט ברויכען ווינשען אז זייערע קינדער זאלן בעסער זינגען זייער לעבענס לידעלע אלס זיי, וויא דיא פויגעלך אויף די בוימער וואלטען מיר אלע צוזאמען איין שאן לידעלע זינגען אונ דאס וואלט זיין א שירה צו גאט, אונ ער וואלט צופרידען זיין אונ מיר אלע: עלטערן אונ קינדער וואלטען גליקליך זיין!

ביי דיא רייד האט דאס פויגעלע פון דאס נייע אנגעהויבען זינגען, דער פאטער מיט זיין טאכטער האבען צו געהערט מיט פרייד, א האלב שעה נאך איינאנד האט עס געזונגען אונ דיא טרעלן האבען זיך געגאסען וויא א קלאר וואסערל. א שטיל ווינטעל האט צוגעטראגען צו זיי א אנגענעהמען גערוך פון פרישען היי, וואס איז ניט ווייט פון זיי ערסט געשניטען געווארן, פלוצלונג האבען זיי דערהערט א געוויש, וויא פון אגרויס וואסער וואס הייבט אן מיט אמאל צו פלייצען, דער פאטער האט זיך ערשראקען אויפגעהויבען.

— פאטער, דאס זענען דיא סלוזען. ניט ווייט פון דאנען איז דער שטאוו, דער מיהלנער האט געווים געעפענט די סלוזען ווייל מארגען איז זונטיג שטעהט די מיהל.

— קום אהיים, מיין טאכטער, האט דער פאטער אויסגערעדט זעהר בעטריבט. דער רויש פון די סלוזען האבען איהם דערמאנט וויא מיט צעהן יאהר צוריק איז ער דא נעבען מיהל געשטאנען אונ האט געהאלפען אפענען דיא זעלבע שלוזען בעת זיין טהייערער ברודער ראובן איז דא אין שטאוו דערטרונקען געווארן, באמאלס איז נאך דיא מיהל זיינע געוועזן.

— פאר וואס, האסטו דיא מיהל פערקויפט? האט רחלע געפרעגט. דאס איז

דָאךְ דֶער מוּטֶערְס יְרוּשָׁה מִיהל גֶעוֶועזֶן? נָאךְ אִיצְט רוּפֶען זִיא אַנְדֶערֶע: הַיִילֶע דֶעם מִיהלְנֶערְ'ס.

— דִיא מִיהל, מַיין טָאכְטֶער, הָאט בַּיי מִיר אַטְהַייֶערְן בְּרוּדֶער צוּגֶענוּמֶען, גֶעדֵיינְקְסְטוּ נָאךְ דַיין פֶּעטֶער רְאוּבֵן? אִיהם הָאבּ אִיךְ דִיא מִיהל פֶערְדוּנְגֶען אוּנ אַמָאל אַז עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען דָא דִיא שְׁלוּזֶען פֶערְלֵייגֶען אִיז עֶר אִין וַואסֶער אַרַיין אוּנ מֶען הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַטוֹיטֶען, יוֹא אוֹיךְ דוּא מַיין קִינְד, הָאסְט דוּרְךְ דֶעם אוּנְגְלִיק אַטְרַייעֶן אוּנ אַקְלוּגֶען פֶעטֶער פֶערְלָארֶן אוּנ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נָאךְ אַזַא גְרוֹיס אוּנְגְלִיק דִיא מִיהל נִיט גֶעוָואלְט הָאבֶּען. אִיךְ הָאבּ זִיא פֶערְקוֹיפְט אָבֶּער מַיין פְרוֹיעֶר דֶערְמַאנְט זִי מִיר וֶוען אִיךְ קוּם נוּר נָאהֶענְט צוּ אִיהְר.

— אוּנ אוֹיךְ מַיין לִיבֶּען שְׁוֶועסְטֶער קִינְד מֹשֶׁה'לֶען הָאבּ אִיךְ פֶערְלָארֶן! הָאט זִי צוּגֶעלֶענְט זֶעהר בֶּעטְרִיבְּט. דָאס פוֹיגֶעלֶע הָאט ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִינְגֶען, נוּר דָאס מָאל אִיז דְהֶעל'עֶן זַיין לִידֶעל נִיט אַזוֹי זִיס גֶעוֶוען וִויא פְרִיעֶר, זִיא הָאט זִיךְ דֶערְמַאנְט. וָואס אִיהר שְׁוֶועסְטֶער קִינְד מֹשֶׁה'לֶע הָאט אִיהְר אַמָאל עֶרְצֶעהלְט אַז דֶער רֶבִּי זַיינֶער, הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אַז דָאס אִיז נִיט אַפֵייגֶעלֶע, נוּר אַגִלְגוּל אָדֶער אַ נְשָׁמָה פוּן אַחַזָן וָואס פֶערְשְׁטֶעלְט זִיךְ אִין אַפוֹיגֶעלֶע. וֶוער ווייס, הָאט זִיא גֶעקְלֶערְט. צוּ אִיז נִיט דָא אִין דֶעם פוֹיגֶעלֶע, דִיא נְשָׁמָה פוּן מַיין דֶערְטְרִינְקֶענֶעם פֶּעטֶער? עֶר אִיז דָאךְ אוֹיךְ אַחַזָן גֶעוֶועזֶן, לַייט עֶרְצֶעהלֶען נָאךְ אִיצְט וִויא שֵׁיין עֶר פְלֶעגְט דַאוֶונֶען רֹאשׁ הַשָּׁנָה יוֹם כִּפּוּר פַאר'ן עַמוּד. זִיא הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אִין דִיא סְקָאזְקֶעס, אוּנ הָאט פוּן זִיךְ אַלֵיין גֶעלַאכְט וָואס אִיהְר אִיז אִיצְט אַזַא נַארְעֶשְׁקֵייט אִין זִינֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען דֶענְנָאךְ הָאט אִיהְר דִיא שְׁטִימֶע פוּן פוֹיגֶעלֶע גֶעקְלוּנְגֶען אִיצְט וִויא אַקְלָאג לִידֶעלֶע פוּן אַ יוּנְגֶער נְשָׁמָה, וֶועלְכֶע קְלָאגְט אוּנ ווייְנְט, וָואס זִיא אִיז אָהְן צַייט פוּן דֶער וֶועלְט אַוֶועק, זִיא אִיז אוּנְטוֹיטְהִיג גֶעוָוארֶן.

אַז זֵיי זַיינֶען צוּרִיק אִין שְׁטֶעדְטֶעל אַרַיינְגֶעקוּמֶען, אִיז שׁוֹין דִיא גַאס וָואס פִירְט צוּ זֵייעֶר הֵיים אָבְּגֶעלֶעבְּט גֶעוֶועזֶן, פְרִיהֶער הָאט אַלֶעס דָא גֶערוּהט, אֲפִילוּ דִי פוֹיגֶעלֶעךְ הָאבֶּען אִין זֵייעֶרֶע נֶעסְטֶען גֶעזִדְרֶעמֶעלְט, אִיצְט אִיז אַלֶעס וַואךְ, אוֹיפֶן גַאס הָאבֶּען זֵיי בֶּעגֶעגֶענְט יוּדֶען מִיט לַאנְגֶע קַאפָּאטֶעס, מִיט לַאנְגֶע פֵּאוֹת, וֶועלְכֶע וַוארְפֶען זִיךְ אוּם פוּן ווִינְד אַהִין אוּנ אַהֶער, בַּיי מַאנְכֶען בְּלָאזְט דֶער ווִינְד פַאנַאנְדֶער דִיא לַאנְגֶע פָּאלֶעס פוּן דֶער קַאפָּאטֶע, אוּנ עֶס זֶעהט זִיךְ אַרוֹיס אַגְרוֹיסֶער טַלִּית קָטָן וָואס דֶעקְט צוּ בִּיז אִיבֶּער דִיא קְנִיא, מַאנְכֶע גֶעהֶען אִין שִׁיךְ אוּנ עֶס זֶעהֶן זִיךְ אַרוֹיס דִיא צוּרִיסֶענֶע זָאקֶען, וִויא עֶס אִיז צוּ זֶעהן אִין דִיא קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְלֶעךְ שַׁבָּת מִנְחָה צַייט, בְּעֵת דִיא הֵייסֶע חֲסִידִים טְהוּעֶן אָן זֵייעֶרֶע בִּגְדֵי שַׁבָּת אוֹיף זִיךְ.

— מִיךְ פֶערְדְרִיסְט, הָאט דֶער פָאטֶער גֶעזָאגְט, וָואס דִיא מֶענְשֶׁען בְּלֵייבֶּען פוּן דֶער צַייט נִיט אוּנְפֶערֶאנְדֶערְט וִויא מַאנְכֶער אָרְט, דָא אִין גַאס אוּנ דָארְטֶען אוֹיסֶען שְׁטָאדְט אִיז נָאךְ אִיצְט אוֹיךְ אַלְץ אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶן מִיט צְוַואנְצִיג, מִיט דְרַייסִיג יָאהר צוּרִיק, קוּק אִיךְ אָבֶּער אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען גְלוֹיבְּט זִיךְ מִיר גָאר נִישְׁט צוּ זַיינֶען דָאס דִיזֶעלְבֶּע וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ גֶעקֶענְט אִין יֶענֶע צַייטֶען. קֶענְסְטוּ גָאר גְלוֹיבֶּען, מַיין טָאכְטֶער, אַז אָט דֶער הֶיְרְשׁ לֵייבֶּעלֶעס אָדֶער דָארְט ר' וָואלְף בּוּנִים'ס זַיינֶען אַמָאל לִיכְטִיגֶע יוּנְגְלֶעךְ גֶעוֶועזֶן, מַיינֶע לִיבְּסְטֶע אוּנ בֶּעסְטֶע חֲבֵרִים! לֶעבֶּעדִיגֶע

קינדער, שאנע און ריינ'ע. מיט זיי האב איך געשטיפט, געלאכט פון אונזער רבין ר׳ ברוך מנקר, ביי אונז איז אקרן געוועזן איבער צוקריטען אלע ווילדע חסידים. וויא זיי דאוונען, וויא זיי עסען און וויא זיי ריידען. ווער וואלט מיר דאמאלס געזאגט, אז דער הערשעל וועט איצט אזא משוגענער חסיד ווערן, וועט אומגעהן מיט שיך און זאקען און מיט א טלית קטן וואס זיינע ציצית שלעפען זיך ביז דער ערד? ווער וואלט געגלויבט אז דער וועלפקע, וואס איז אזא שאן ליכטיג יונגעל געוועזן, וואס דיא מאמע זיינע פלעגט איהם אלע מינוט א עין הרע שפרעכען איבער זיינע רויטע באקען און ליכטיגע אויגען וועלכע האבען דאן וויא פייער געברענט, וועט גאר איצט ווערן א פלאסקאדריינגע מיט א לאנגער האלז מיט א אויסגעשטרעקטען נארגעל און מיט אויסגעלאשענע אויגען און וועט אומלויפען אזוי שמוטציג, אז עס וועט איבעל ווערן געבען איהם נאהענט צו שטעהן? און דיזע אלע האבען זיך פעראנדערט ניט נור אין זייערע קליידער און מנהגים, אבער אויך דיא נאטורן זענען אנדערס געווארן. גוטע זענען זיי געוועזן, בערייט דאס לעצטע ביסען אוועג צו געבען א ארעמען חבר א יתום; ווען מיר האבען א חברה געמאכט פאר ארעמע ישיבה בחורים קויפען העמדער און שטיוועל. וויא גערן פלעגט יעדער פון זיי דיא לעצטע קאפעקע אוועק געבען אין דער חברה אריין! און וואס זענען זיי איצט? קארגע, פראצענטניקעס, שווינדלער, שענקערס, דאס גאנצע לעבען און צוועק פון לעבען איז דער רובעל. פונקט וויא ער וואלט ווירקליך דער תכלית זיין פון לעבען, און ניט דאס אנשטענדיגע לעבען וואס מען קען דורך דעם געלד זיך מאכען.

עס וואלט מיר ניט באנג טהון אזא ערשיינונג, האט ער ווייטער געזאגט, אז איך זאל וויסען אז נויטה ברייננט זיי צו אזא ארט לעבען, אבער איך וויים גוט אז פיעל פון זיי האבען היינט מעהר אלס זייערע עלטערן האבען אין יענע יאהרן געהאט. פרעג איך: ווי ווערט אזוי אמענש שמוטציג און ווילד ווען נויטה און מאנגעל ברייננען איהם ניט דר צו? מיך פערדריסט עס נאך מעהר, ווייל איך בין צווישען זיי אלעמען אליין געבליבען. אליין, דאכט מיר, וויא איך בין געוועזן, מיט מיין נאטור, מיט מיין הארץ און גאט צודאנקען, אויך מיט מיין געוויסען. פערשטעהען זיי דען ניט וואס איך? ניין, זיי זענען פויל: ניט טראכטען, ניט קלערן, בלינד גלויבען אדער זיך פערשטעלען אז זיי גלויבען בלינד, איז זיי גרינגער, און זיי זענען פערמאסקירט; אבער קען אמענש אייביג אונטער דער מאסקע ליגען? מיר קומט אמאל פאר א ערנסט ווארט צורעדען האב איך ניט מיט וועמען, האטש זיי זענען נאך בעסערע לערן קינדער געוועזן אלס איך דאן.

עס איז ווירקליך א פערדרוס. האט זיא צוגעשטימט, אבער זאג מיר, וואהער קומט עס? דאס איז דאך ניט דער פאל מיט איין מענשען, דוא האסט דאך כמעט איינעם ניט, וואס איז נאך היינט ווי ער איז אין יענע יאהרן געוועזן, מסתמא מוז דאך דארין א נאטור זאך זיין און ניט זייא, אפשר ביזטו גאר א אויסנאהמע פון אלעסען?

— נאך מיינער מיינונג, האט דער פאטער געענטפערט, קומט דאס דערפון נור ווייל ביי זיי האט די געגענווארט קיין צוזאמענהאנג מיט זייער פערגאנגענהייט.

– וויא מיינסטו עס? ערקלער מיר בעסער, איך פערשטעה עס ניט.

– זיי וויסען מיין קינד, האט ער אנגעהויבען ערקלערן, דאס דעם מענשענס לעבען בעשטעהט פון דריי צייטען: פון דער פערגאנגענער, וואס איז שוין געוועזען, פון דער געגענווארטיגער, וואס איז איצט און פון דער צוקונפט וואס וועט ערסט זיין, קירצער געזאגט: פון נעכטען, פון היינט און פון מארגען; דער היינט דארף שטענדיג וויא א מיטעלסטער רינג זיין איינגעשלאסען אין דעם נעכטען און אין דעם מארגען. א בהמה האט קיין פערגאנגענהייט און קיין צוקונפט ניט, דער מענש אבער לעבט אין זיין היינט מיט דער ערינערונג וואס איז נעכטען געוועזען אזוי גוט ווי מיט דער האפנונג וואס וועט ערסט מארגען זיין. דאריבער זענען דיזע געוועזענע חברים מיינע אזוי וויא דיא בהמות להבדיל, דאריבער פיהרן זיי זיך אויף מיט זייערע קינדער אזוי אונמענשליך, אזוי ניט קלוג ווייל זיי געדענקען גאר ניט אז זיי זעלבסט זענען אויך א מאל קינדער געוועזען, וועלכע האבען א מאל אנדערס געפיהלט. אנדערע פערגניגען געהאט און אין א אנדער וועלט געלעבט. וואלטען זיי אבער זייער פערגאנגענהייט געדענקען, וואלטען זיי זיך היינט אויך פערגניגען פון פרישען לופט. פון א פויגעלע אז עס זינגט, א הנאה האבען פון א שאנעם בגד וויא א מאל, און פאר וואס ניט מאקי וועלן לעבען א גוטען טאג וויא א מאל? ביי זיי זענען אבער, דיא פערגאנגענע טעג פונקט וויא אבגעריסען און אין ים אריינגעווארפען, זיי לעבען איצט גאר אין א אנדער וועלט, נו, איז דיא וועלט א שמוטציגע, א וועלט פון ווילדען פאנאטיזמוס. א וועלט פון קלויבען געלד ווילען זיי גאר ניט דערמאנען אז עס זענען א מאל צייטען געוועזען, וואס א שטיף, א לאך א שפאציער אדער אבי וואס פאר א אונשולדיג פערגניגען איז טהייערער אלס געלד געוועזען. דאריבער בעשטראפען זיי זייערע קינדער פאר יעדע אונשולדיגע שטיפעריי; דאס קינד לעבט אבער אין זיין אייגענער פרייליכטיגער וועלט און קען ניט פערשטעהן די שולד אין זיין אונשולד און פיהלט זיך אומזוסט בעשטראפט און געפייניגט, דאריבער געפינט מען זעלטען ביי אזעלכע עלטערן אז זייערע קינדער זאלען מיט אינערליכע אכטונג קוקען אויף זיי, – דיא פערגאנגענהייט מיין קינד, איז דער יסוד, דער גרונד פון לעבען, דיא געגענווארט איז דער עצם בנין, אין איהם וואהנען מיר, דיא צוקונפט איז די צירונג און בעפוצונג פון דעם לעבען וועלכע ערפרייהען דאס הערץ און אויג, האטש זעלטען וועט מיר האבען פון זיי אמתע נוטצען... בעגרייף דאס, מיין קינד, און דיר וועט דערפון פיעל זאכען קלאר ווערן.

אז ר' לייזער האט מיט דעם עולם מנחה אבגעדאווענט און איז נאך דער דריטער סעודה ווידער פארן נאס ארויס געגאנגען, איז רחל'ע צו איהם צוגעקומען און האט געזאגט.

– איך האב דיינע רייד נאכגעדאכט, איך געפין, אז א מענש מוז ווירקליך בעסט פערבונדען זיין מיט זיין צוקונפט, איך גיב דיר א משל: דוא פאדערסט אוועק, איך בענק נאך דיר, לעב איך דאן נור מיט דער צוקונפט, דאס הייסט: מיט דער האפנונג דיך באלד ווידער צו זעהן אין א פאר וואכען ארום? וואס טויג מיר אבער וואס איך געדענק, אז א מאל בין איך א קינד געוועזען, אז איך בין דא און דארט אומגעלאפען,

מיט משהלען געשטיפט און נאך אזעלכע קינדערשע ערינגערונגען? אדרבה, איך
וועל נאך ביי אזעלכע ערינגערונגען טרויעריג, ווייל איך ווייס: דאס וואס איז
געוועזן. וועט שוין מעהר קיינמאל ניט זיין, יענע גליקליכע קינדער יאהרן וואס איך
מיט משהלען פלעגען וויא א ברודער מיט א שוועסטער פערבריינגען, וועט מיר שוין
קיינער ניט אומקעהרן!

דער פאטער האט זיא צארטליך אנגעקוקט, דיזע רייד זיינען אזוי נאאיוו און
אפענהערציג אויסגעשפראכען געוועזן, אז איהם האט זיך געדאכט, ער קוקט אין זיין
קינדס הערץ אריין און לייענט אלין וואס דארט איז איינגעפראגט.

— ניט אזוי, מיין ליב קינד; וויא דוא זאגסט, האט שלמה המלך אין זיין ספר
קהלת געזאגט. האט דער פאטער געענטפערט און זיך געזעטצט אויף א באנק וואס
איז אין גארטעל פארן שטוב געוועזן, אז רחלע האט זיך אויך געזעטצט, האט ער
איהר האנד אין זיינע גענומען און האט ווייטער אנגעהויבען, קהלת האט צופערי
שטשען געגעבען ווי אין דער וועלט איז קיין נייעס ניטא, "און עס שיינט דיא זאננע"?
האט ער געזאגט, "און די זאננע געהט אונטער, פון זעלבען ארט פון וואנען זיא האט
גענומען אויפגעשיינט שיינט זיא היינט ווידער אויף" "וואס עס איז אמאל געוועזן
דאס וועט נאך זיין און דאס וואס וועט נאך אמאל זיין איז שוין אויך אמאל לאנג
געוועזן אויף דער וועלט"; וואס עס טהוט זיך איצט וועט אויך שפעטער געטהון
ווערן און עס איז קיין נייעס ניטא אונטער דער זאננע!" ווייל, מיין קינד, עס איז אזוי,
איז גוט צו געדענקען וואס עס איז געוועזן, כדי שפעטער גוט צו בענוטצען דאס וואס
וועט נאך זיין. יעדע זאך וואס אמענש זעהט צום ערסטען מאל, ערשיינט איהם
פרעמד און ער ווייס ניט וויא דיא זאך צו בענוטצען, אדער וויא דיא ערשיינונג זיך
צו ערקלערן, דורך דעם שרעקט ער זיך אפט פאר אזא ערשיינונג וואס איז זיך גאר
ניטא וואס צו ערשרעקען, אזוי האפט ער אאנדער זאך וואס איז שעדליך און טהוט
זיך שאדען, דאס רופט מען: "אונערפאהרענהייט", "ניט געניטקייט". צום ערסטען מאל
איז יעדער אונערפאהרען, קליינע קינדער זיינען עס זא לאנג זיי זענען נאך קינדער.
גאט אבער פערצייהעט יעדען פעהלער וואס מען טהוט אויס אונערפאהרענהייט און
לאזט דעם מענשען דיא געלעגענהייט דיזע בעגאנגענע פעהלער צו פערבעסערן ביי
דער ווידערהאלונג פון דערזעלבער זאך און האט זיין וועלט און נאטור אזוי בעשאפען,
עס זאל דארין גאר קיין נייעס זיין, עס זאל אלץ זיך ווידערהאלען נאך אמאל און
נאך אמאל, ביז דער מענש וואס איז מיט א שכל בעשאפען פון איהם, וועט דיא
ערשיינונגען בעסער און בעסער אלץ בעגרייפען און דארט וואו ער האט אמאל
געפעהלט וועט איהם דיא ערפאהרונג לעהרנען מעהר ניט צו פעהלען, דארט וואו ער
האט פערנאכלעסיגט און דיא געלעגענהייט ניט בענוטצט, וועט ער צום צווייטען
מאל שוין קליגער זיין און ניט פערנאכלעסיגען. אזוי וועט דער אימערוועהרענדער
נאטור-ראד זיך אייביג דרייהען און מיט דעם דיא מענשען קליגער מאכען. דארין
ליגט דיא האפנונג אויף בעסערע צייטען ווען מענשען וועלן ווי קליגער אויך בעסער
ווערן. דיא וואס גלויבען און האפען אויף אזעלכע צייטען, רופען עס אן: "פראגרעס"
דאס הייסט: "פארטשריט" וואס מען קומט אלץ צו גראסערע ערפאהרונגען; וואלטע

אבער דיא מענשען ניט געדענקען וואס עס איז געוועזן, וואלט זיי אייביג יעדע ערשיינונג ניי בלייבען און זיי וואלטען קיינמאל ניט וויסען וויא דאס לעבען צו פערבעסערן. איצט פערשטעהסטו שוין צו וואס נוטצען אונז דיא אבגעלעבטע פערגאנגענע צייטען?

— איצט פערשטעה איך, האט דאס מיידעל אויסגעשריען מיט פרייד, דו האסט מיינע אויגען געעפענט און איך דאנק דיר, ליעבער פאטער!

— נאך איין משל וועל איך דיר ערצעהלען, האט דער פאטער הייטער געזאגט, אונזערע חכמים ערצעהלען אין דער גמרא אזא געשיכטע: בעת אדם הראשון איז בעשאפען געווארן און שוין אין זעלבען טאג געזינדיגט מיט דעם עץ הדעת, אז ער האט צום ערשטען מאל אין זיין לעבען דערזעהן וויא פאר נאכט איז די זון אונטערגעגאנגען און עס איז פינסטער געווארן האט ער זיך שטארק ערשראקען און איז דיא גאנצע נאכט דורך געלעגען אין צער. ער האט געמיינט: גאט האט צו ליעב זיין זינד אויסגעלאשען דיא זון אין הימעל און ער וועט שוין פון איצט מעהר דיא ליכטיגע וועלט ניט זעהן; אין דער פריה, ווען דיא זון האט פון מזרח זייטע צוריק אויפגעשיינט און איז פאר נאכט אין מערב זייט ווידער אונטערגעגאנגען, האט ער אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז דיא צייט איז איינגעטהיילט אין טאג און אין נאכט, פון דאן אן האט ער צובענוטצען אנגעהויבען: דעם טאג צו ארבייטען, און די נאכט, ווען עס איז פינסטער, צום שלאפען, צום אויסרוהען און אזוי איז געבליבען אויף אייביג. וואלט אבער אדם ניט געדענקט וואס געשעהען איז געוועזן, וואלט ער היינט אויך געבליבען ערגעץ אין א מיטען פעלד און וואלט ווידער געמיינט דיא וועלט ווערט שוין פינסטער אויף אייביג.

דוא מיין קינד דארפסט אויך געדענקען דיינע קינדהייט אין דיין יוגענד, שטעל דיר פאר: דוא האסט פערגעסען דיינע קינדערשע יאהרן, צו אונז איז איצט, למשל, געקומען משה'לע, דיין שוועסטער קינד, דו ערקענסט איהם ניט, ער איז ביי דיר קיין נאכט ניט, ווייל דו קענסט גאר ניט דערמאנען, אז איהר זייט גלייכע קינדער געוועזן, אייניקלעך פון איין יידען וואס פלעגט אלע פרייטאג צו נאכט זיינע הענד ארויפלעגען אויף אייערע קעפלעך און זיך בענטשען. פרעג איך ביי דיר: וואלט ניט פיעל בעסער זיין אז דוא זאלסט אלטע אייער פריינדשאפט דערמאנען און איהם מקרב זיין וויא לאנג ער וועט ביי אונז א גאסט זיין? וואס זאל איך דיר נאך ווייטער ערקלערן? דו וועסט עלטער ווערן וועסטו אליין איינזעהן אז דיא פערגאנגענהייט אונזערע איז א בוך: יעדער אבגעלעבטער טאג איז א בלאט אין איהם, וואויל צו יענעם וואס לייענט מיט פערשטאנד אין דעם בוך און פערשטעהט זיין פערגאנגענהייט צו מאכען אלעהרע פאר זיין צוקונפט! דיר מיין טאכטער, ווינטשע איך: דיין בוך זאל מיט גאלדענע אותיות זיין געשריבען, דו זאלסט אין איהם מיט פרייד און פערגניגען לעזען, וועניגסטען זאל דיין צוקונפט ניט ערגער זיין אלס דיין פערגאנגענהייט!

רחל'ע האט דעם פאטערס האנד צוגעטראגען צו איהרע שאנע ליפען און הייס געקושט, דער פאטער האט געפיהלט אויך א טהרער, א ווארעמער טהרער איז איהם אויף האנד געפאלען. דאס יונג קינד איז טיף גערירט געוועזן פון פאטערס קלוגע רייד.

– פָּאטֶער, הָאט זִיא אוֹיסְגֶערֶעדְט מִיט אַבֶּעוֶוענְטֶער שְׁטִימֶע, וָואלְט נָאר דֶער אָרֶעמֶער מֹשֶׁה'לֶע וֶועלִן צוּ אוּנְז אַמָאל קוּמֶען צוּ גַאסְט, אִיךְ וָואלְט אִיהְם דֶערְמַאנֶען, וְויא דֶער זֵיידֶע עָלָיו הַשָּׁלוֹם הָאט אִיהְם לִיעבּ גֶעהַאט, וְויא דוּא, וְויא דִיא מוּטֶער אֲפִילוּ.. אִיךְ וָואלְט אִיהְם דֶערְמַאנֶען וְויא עֶר פְלֶעגְט מִיךְ שְׁלָאגֶען אוּנ וְויא אִיךְ הָאבּ אִיהְם פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נִיט פֵיינְט גֶעהַאט, אַלֶע זֵיינֶע מַעֲשֶׂה'לֶעךְ וָואס עֶר פְלֶעגְט מִיר עֶרְצֶעהְלֶען וָואלְט אִיךְ אִיהְם דֶערְמַאנֶען, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעווִיס זֵיינֶע קִינְדֶערְשֶׁע יָאהרֶן פֶערְגֶעסֶען, עֶר אִיז אֶפְשַׁר אִיצְט אַזַא ווִילְדֶער חָסִיד, אָט וְויא הֶערְשׁ לֵייבֶּעלֶעס, זָאנְסְט וָואלְט עֶר קוּמֶען אַמָאל צוּ אוּנְז. וֶועלִן אַ קוּק טְהוּן וָואס מַאכְט זֵיין פֶעטֶער, זֵיין מוּהְמֶע, זֵיין שְׁוֶועסְטֶער קִינְד. אַךְ, אִיצְט פֶערְשְׁטֶעה דִיךְ פָּאטֶער, פַאר וָואס דִיךְ פֶערְדְרִיסְט אַזוֹי וָואס דֵיינֶע חֲבֵרִים הָאבֶּען זֵייעֶר קִינְדְהֵייט פֶערְגֶעסֶען!...

בַּיים בְּרֶעג שְׁטָאדְט וואוּ עֶס זֶעהְן זִיךְ דִיא בּוֹימֶער פוּן וַואלְד אִיז דֶער הִימֶעל גֶעוָוארֶן רוֹיטְה, פוּן דַאגֶען הָאבֶּען זִיךְ לַאנְגֶע רוֹיטֶע פַאסֶען פֶערְצוֹיגֶען פוּן אַלֶע זֵייטֶען. קִיקֶענְדִיג אוֹיף יֶענֶער זֵייט הִימֶעל הָאט זִיךְ רָחֶלֶע ווִידֶער דֶערְמַאנְט וָואס מֹשֶׁה'לֶע הָאט אִיהְר גֶעזָאגְט, אַז דָארְט אִיז דָאס טְהוֹיעֶר פוּן גֵיהִנָּם אוּנ אַז דֶער הִימֶעל וֶוערְט רוֹיטְה אִיז אַ סִימָן, אַז מֶען הָאט אִיצְט דֶעם גֵיהִנוֹם אַיינְגֶעהֵייצְט פוּן דָאס נַיי אוּנ דִיא בֶּאזֶע מַלְאָכִים טְרַייבֶּען אִיצְט צוּזַאמֶען אַלֶע רְשָׁעִים וָואס הָאבֶּען אִיבֶּער שַׁבָּת זִיךְ אַבִּיסֶעל אָבְּגֶעקִיהלְט זֵיי דָארְט ווִידֶער בְּרֶענֶען אוּנ בְּרָאטֶען אַגַאנְצֶע וָואךְ. זִיא הָאט זִיךְ דֶערְמַאנְט, וְויא מֹשֶׁה'לֶען זֶענֶען דַאן אַרוֹיס טְהרֶערְן פוּן דִיא אוֹיגֶען, אוּנ עֶר הָאט זִיא אָבְּגֶעשְׁטוֹיסֶען פוּן זִיךְ וַוייל זִיא אִיז אַ מֵיידֶעל אוּנ עֶס אִיז אַגְרוֹיסֶע עֲבֵירָה, אַז אַ יוּנְגֶעל הָאט אַ מַגָּע וּמַשָּׂא מִיט אַ מֵיידֶעל; נוּר אִין עֶטְלִיכֶע שָׁעָה אַרוּם הָאט עֶר מִיט אִיהְר ווִידֶער גֶערֶעדְט, אִיהְר עֶרְקְלֶערְט, אַז מִיט אַ שְׁוֶועסְטֶער קִינְד מָאג מֶען אוּנ אֲפִילוּ אַז עֶס אִיז אַ עֲבֵירָה אִיז עֶר נָאךְ נִיט בַּר מִצְוָה אוּנ אַז מֶען טְהוּט אַ עֲבֵירָה פַאר בַּר מִצְוָה, לֵיידְט מֶען דֶערְפַאר קֵיין גֵיהִנוֹם נִיט. זִיא הָאט עֶס אִיהְם דַאן גֶעגְלוֹיבְּט אוּנ פוּן דֶעם בְּרוֹגֶז אִיז גֶעוָוארֶן צוּרִיק אַפְרַיינְדְשַׁאפְט, נָאךְ אַ שְׁטַארְקֶערֶע וְוי פְרִיהֶער, עֶר הָאט זִיא אַ קוּשׁ גֶעטְהוּן, זִיא אִיהְם אוֹיךְ אוּנ עֶר הָאט זִיא וַוייטֶער גֶעקוּשְׁט אוּנ אַלְץ גֶעזָאגְט: „נֵיין, נֵיין, עֶס אִיז קֵיין עֲבֵירָה נִיט, אַ שְׁוֶועסְטֶער קִינְד מָאג!” אוּנ הָאטְשׁ מֶען מָאג הָאט דִיא מוּטֶער אִיהְרֶע אִיהְם דַאמָאלְס מְבַיֵּישׁ גֶעוֶועזְן, אִיהְם פוּן שְׁטוּבּ אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען אוּנ נָאךְ גֶעזָאגְט זִיא וֶועט דֶערְצֵיילֶען דֶעם רֶבִּין זֵיינֶעם, אַלֶע חֲבֵרִים וֶועלִן אִיהְם אָנְרוּפֶען: „מֵיידֶעל-בָּחוּר” — אַךְ, וְויא וָואלְט אִיךְ וֶועלִן אִיהְם אִיצְט זֶעהְן אוּנ פְרֶעגֶען: צוּ זֶעהְט עֶר אִיצְט אוֹיךְ אִין יֶענֶע רוֹיטְהַקֵייט דָאס פַייעֶר פוּן גֵיהִנוֹם? שְׁרֶעקְט עֶר זִיךְ אִיצְט אוֹיךְ אַזוֹי פַאר אַ עֲבֵירָה? — וֶוער ווֵייס? עֶס קֶען זַיין עֶר אִיז גֶערֶעכְט אוּנ וֶועט נָאךְ מֶעהְר מוֹרָא הָאבֶּען מִיט מִיר אִיצְט צוּ רֶעדֶען אַלְס דַאמָאלְס? פַאר וָואס? וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט אַז אִיךְ בִּין אַ מֵיידֶעל? פַאר וָואס בִּין אִיךְ ווִירְקְלִיךְ נִיט גֶעבּוֹירִין גֶעוָוארֶן אַ יוּנְגֶעל? זֵייא אִיז בֶּעסֶער ...”

— פָּאטֶער, הָאט זִיא מִיט אַ זִיסֶען אָבֶּער טִיפֶען טָאן אוֹיסְגֶערֶעדְט, וואוּ אִיז דֶער גֵיהִנוֹם? — דוּא פְרֶעגְסְט וְוי אַ קִינְד! הָאט עֶר גֶעאֶנְטְפֶערְט, וֶוער אִיז דָארְט אַלֶעבֶּעדִיגֶער גֶעוֶועזְן אוּנ ווֵייס וואוּ עֶר אִיז?

— אָבֶּער יֶעדֶענְפַאלְס אִיז עֶר נִיט דָארְט וואוּ דֶער הִימֶעל אִיז אִיצְט רוֹיטְה,

האט זיא מיט א געוויסהייט אויסגערעדט, דאס איז ניט דאס פייער וואס ברענט אין גיהנום; אבער דאס זענען נאך די לעצטע שטראהלען פון דער זונן וואס איז ניט לאנג דארט אונטערגעגאנגען, ניט אמת?

שטאדטישע יונגע לייט וועלכע האבען זיך דא צוזאמענגעקליבען ווי געוועהנליך ביי ר' לייזערן אין שטוב מעריב דאווענען האבען איצט דעם קאפ פערריסען געהאלטען אונ האבען געזוכט אין הימעל שטערן. איינער מיט גוטע אויגען האט געכאפט דריי שטערן, דריי ליכטיגע כשר'ע עדות אז מען מאג שוין דאווענען מעריב. אז דער שבת איז שוין אריבער, אונ מען מאג שוין באלד פערברייען די פאפיראס.



## ג.

מען האט מעריב אבגעדאווענט, הבדלה געמאכט. אז רחל'ס שוועסטערל האט דיא הבדלה ליכט גענומען, האט שמעלע צוגעהאלטען דאס קינד'ס הענטל אונ אלץ געהויבען העכער אונ דערביי אלץ געשריען: „העכער, העכער, מיין פויגעלע, וועסטו האבען אהויכען חתן!". ווערט דיין מזל הויך זיין, מיין קינד!" האט דיא מוטער צו געלעגט, „מיט איהר האב איך נאך צייט, פריהער זאל מיר גאט דעם אמת'ן בעשערטען צו שיקען פאר מיין רחל'ען!"

— רחל'ע האט נאך אויך צייט! האט דער פעטער ר' שלמה וועלכער איז דא אויך געוועזן זיך אריינגעמישט, אין היינטיגע צייטען איז א מיידעל פון זיבצען יאהר נאך נאר א קינד. דיא דורות, מיין שוועגערין, זענען ניט פארצייטיגע דורות, דיין רחל'ע מאג נאך זיטצען א פאאר יאהר, לאז דאס אפעלע צייטיג ווערן, וועט עס נאך זיסער ווערן אונ אין בעלנים וועט שוין קיין באגה ניט זיין. דיין רחל'ע איז נאך א קינד, א קינד זאג איך דיר!

— זיא וואלט נאר קיין קינד ניט געווען, מיין שוואגער, ווען אייער ברודער, דער ליעבער טאטע איהרער, וואלט זיא ניט איינרעדען אז זיא איז נאך א קינד! האט היימעלע איינגעוויזען, ער רעדט מיט איהר וויא מיט א קינד, שפאצירט מיט איהר וויא מיט א מיידעלע פון צעהן יאהר, אונ ער שפילט מיט איהר וויא ער וואלט ניט געוועזן א טאטע איהרער, נור א חבר אין איינע יאהרן מיט איהר; אזוי האט ער זיא מיר איבערגעפיהרט, אזוי פיהרט ער מיר איבער דיא קליינע קינדער אויך. אבער איך האב נאך אויך א שטיקעל דעה, הערסטו לייזער, איך האב ר' שמעון'ן מיין ווארט געגעבען דיא יונגלעך צו לאזען ביי איהם אין חדר אויף ווינטער אויך.

— דוא האסט דיין ווארט געגעבען בין איך אויך מסכים, האט ער גיזענטווערט צייך ר' שמעון, בעט איך, טאמיר קענט איהר דינגען ערגעץ אחדר א גרויסערן, איך וועל שוין זעהן איהר זאלט אייער'ס צו דעם ניט צו לייגען. — איך וועל זוכען! האט שמעון צופרידען מבטיח געוועזן.

חיילע אבער איז ניט צופרידען געוועזן וואס איהר מאן האט אזוי גיך מסכים געוועזן, זיא האט זיך צוגעגרייט צופארפיהרן דורך דעם א גרויסען ראזנאוואר, אונ איהם דערנוייל בעצאהלן פאר אלץ, דאס הייסט: פאר דיא הדרכה זיינע איהר

רחלען אזוי ווי זייגע; פאר וואס זאל זיא געהן נור אין זייגע דרכים און אין אידרע גאר ניט?

— און דוא מיין טאכטער, האט זיא זיך צו רחלען געווענדעט, דוא מיינסט מאכי דו ביזט א קינד? ביי לייטען א מיידעל אין די יאהרן, ווייס, אז מען דארף שבת ביי טאג שפאצירן געהן מיט א מוטער. וואס איז? דיין מאמע איז שוין גאר אזא אלטע יודענע און איהר ווילט זיך גאר ניט דורכגעהן א מאל? א בלינדע, א צבגעריסענע, חלילה, איז דיין מאמע, אז דוא שעמסט דיך מיט איהר צווישען לייטען שפאצירן צו געהן? — און דער טאטע? ביי איהם איז דאס אלעס רעכט! האסטו בעגעגענט ביי אונז אין שטאדטע נאך וועמען וואס פיהרט זיך אום מיט זיין דערוואקסענער טאכטער שפאצירען, פונקט וויא ביי דיא פריצים להבדיל?

— אבער איך האב דאך געבעטען זאלסט מיט געהן, איך בעט דיך שטאנדיג, האט רחלע זיך פערענטפערט.

— זי האט מיך געבעטען! האט זי איבערגעקרימט, א דאנק דיר פארן בעטען!...
איך האב ערסט גענומען דעם טייטש חומש אין האנד אריין, דאכט זיך, פאר א יודישער טאכטער דארף דאס פריהער זיין וויא שפאצירן; וויא מיינט איהר? וועל איך א וועקלעגען דיא סדרה און געהן לויפען שפאצירן? א קלייניגקייט, וואס וועל איך דערפון האבען? איך קען ניט אונזערע גאסען? איך בענק שטארק נאך דיא בוימער אויסען שטאדט? פון מיינטוועגען מאג פון זיי א בארג ווערן! לייט קאגען באמת מיינען, מיר ווילט זיך טאקי שפאצירן, זינדיגען זאל זיך מיר אזוי וועלן.
רבונו של עולם! זעהסטו, דאס וואלט ביי מיר דער בעסטער שפאציר געוועזן, אז דוא וואלסט דיך אוועג געזעצט געבען מיר און וואלסט געליינט מיט מיר דיא סדרה מיט דער הפטרה; דיא גוטע יאהרן זאל איך האבען, וואס דאס וואלט פאר דיר שאנער געוועזן מיין קינד, און פאר גאט ליעבער! מען האט שוין ראש חודש אלול, ברוך השם, געבענטשט, צייט זיך צו רופקען, עס געהט אזא יום הדין!
ביידע, דער פאטער און זיין טאכטער האבען געשוויגען.

— ליזער, דוא ווייסט? האט זיא ווייטער אנגעהויבען, איך קלער היינטיגע וואך אריבער צופאהרן צו איהם זאל לעבען, איהם א פדיון אוועקפיהרען, ער זאל אויס־בעטען פאר אונז א גוט יאהר.

— פאהר געזונדערהייט! האט ער איהר צוגעזאגט, דוא ווייסט דאך אז איך שטאר דיר ניט.

— א דאנק דיר פאר דער טובה! האט זיא זיך אבגערופען, זאגט איהר ר' שלמה, וואלט ניט גלייכער זיין: איך זאל זיטצען אין דער היים און מיין מאן זאל פאהרן? פאר וואס שלעפט איהר איהם ניט מיט אמאל מיט אייך? מיר איז א חרפה אגרויסע, וואס ער איז נאך איינמאל ניט געוועזן ביי איהם זאל לעבען; מען פאהרט דאך פון א עק וועלט, און ער זאל לעבען, מען זעהט טאקי ארויס וואס פאר א צדיק ער איז. יעדעס מאל געהמט ער צו דעם פדיון, בעט גאט פאר דיר. פרעגט זיך נאך אויף דיין געזונד און שיקט דיר זיין ברכה וואס איז טויזענד מאל מעהר ווערטה אלס דיינע שטליבע רויבע פדיון, אדרבה, בעוויז א מאל אז דיין וייב איז

קיין צוויג ניט און אַז זיא רֶעדְט איז ניט גֶעבּוּלֶעןּ. פָאהר דוּא הַיינְטִיגְס מָאל און איך וָועל אין דֶער הֵיים בְּלַייבֶּען.

– דוּא מֵיינְסְט דָאךְ דָאס ניט, הָאט עֶר מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, מִיךְ וָועסְטוּ דָאךְ ניט נַארֶען, אין גְרוּנְד הָאסְטוּ דָאךְ הֲנָאָה וָואס איך בְּלַייבּ אין דֶער הֵיים און דוּא פָאהְרְסְט, דָארְט וַוייזְטוּ אַרוֹיס, אַז דוּא בִּיזְט דיא חֲסִידָה, אַז חָאטְשׁ דַיין מַאן איז אַ הַאלְבֶּער טַייטְשׁ, בִּיזְטוּ נָאךְ אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אין גַאנְצֶען. דָארְט הָאסְטוּ אויךְ אַגֶעלֶעגֶענְהֵייט אַרוֹיסְצוּוַוייזֶען אַז צְווִישֶׁען גְבִירִי'שֶׁע ווַייבֶּער בִּיזְט דוּא אויךְ קֵיין לֶעצְטֶע ניט מִיט דַיינֶע בְּרִילְיַאנְטֶען, מִיט דַיינֶע פֶּערְל; דוּא הָאסְט דָארְט אויךְ כָּבוֹד פוּן חֲסִידִים און פוּן דֶעם רֶבִּינְס טֶאכְטֶער און בַּיי דִיר איז דָאס פִיעל מָאל מֶעהר וָוערְטְה אַלְס דֶער פִּדְיוֹן און מַתָּנוֹת וָואס דוּא פִיהְרְסְט מִיט זִיךְ. מַאךְ זִיךְ ניט נַארִישׁ חַיילֶע, גְלוֹיבּ מִיר, אִיךְ טְהוּ דָאס נוּר דִיר צוּ לִיעבּ וָואס איךְ לָאז דִיךְ פָאהרֶען, דַיין הֲנָאָה איז מִיר טְהַייעֶר און אִיךְ פֶערְגִין דִיר גֶערְן דַיין פֶערְגְנִיגֶען, דוּא וַוייסְט עֶס זָאגְסְט קֶען מֶען דֶעם פִּדְיוֹן אין אַ בְּרִיוֶועלֶע דוּרְךְ פָּאסְט אִיהְם צוּשִׁיקֶען.

– „און דיא מַתָּנוֹת דַיינֶע?״ הָאט זִיא אִיבֶּערְגֶעזָאגְט פַאנַאנְדֶער גֶעצוֹיגֶען דיא וָוארְטֶער. אָט וָואס דִיךְ פֶערְדְרִיסְט! אַ קְלֵיינִיגְקֵייט? דוּא לֶעגְסְט גָאר צוּ דַיין בַּאבֶּעס יְרוּשָׁה צוּם רֶבִּין זָאל לֶעבֶּען? גְלוֹיבּ מִיר, און דיא גַאנְצֶע וֶועלְט חֲסִידִים וֶועלֶען דִיר זָאגֶען, אַז דוּא הָאסְט פוּן אִיהְם מֶעהר, אַ סַךְ מֶעהר אַלְס דוּא גִיסְט אִיהְם. פוּן וֶועמֶענְס זְכוּת לֶעבְּסְט דוּא? אֶפְשַׁר פוּן דַיין אֵייגֶענֶעם? אֶפְשַׁר דַיינֶע תְּפִלּוֹת הֶערְט גָאט צוּ דַיינֶע עֲסָקִים זָאלֶען דִיךְ בֶּעגְלִיקֶען? אַ שֵׁיין פָּנִים וָואלְטֶען מִיר אַלֶע גֶעהַאט, אַז דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם וָואלְט בֶּעדַארְפְט וַוארְטֶען אויף דַיינֶע תְּפִלּוֹת? זִינְדִיגֶער מֶענְשׁ, נַארִישֶׁער בַּעַל גַאֲוָה'נִיק אֵיינֶער! דוּא פֶערְגֶעסְט גָאר, אַז דַיינֶע תְּפִלּוֹת קוּמֶען גָאר צוּ גָאט נִיט צוּ, זֵיי גֶעהְן נִיט אַרוֹיס פוּן אַ פְרוּמֶען הַארְצֶען פוּן אַרֵיינֶעם מוֹיל, חַאפֶּען זֵיי שֵׁדִים צוּ אין דיא לוּפְטֶען און זֵיי קוּמֶען גָאר צוּ דֶעם כִּסֵּא הַכָּבוֹד נִיט אָן, דיא בִּיכֶער דַיינֶע וָואס דוּא לֵייעֶנְסְט, דיא חֲקִירוֹת דַיינֶע דִי נַארִישֶׁע, פֶערְשְׁטֶעלֶען דֶעם וֶועג זֵיי זָאלֶען גָאר נִיט קָאנֶען צוּקוּמֶען בִּיז דיא טְהוֹיעֶרֶען פוּן תְּפִלָּה וָואס זֶענֶען אָפֶען פַאר אַלֶע פְרוּמֶע הֶערְצֶער? און נָאךְ מֶעהר וַוייטִיג אִיז צוּ צוּ קוּקֶען, אַז דָאס טֶאכְטֶערְל זַיינְס איז אויךְ אַזוֹי בְּלִינְד און פֶערְנַארְט וויא עֶר, נוּר מִיט אִיהְם אִיז זִי. אָי, מַיין קִינְד, אִיז דָאס אַוֵוייטִיג אַ מַאמֶען! אִיךְ וִוינְשׁ דִיר נִיט דוּא זָאלְסְט גָאר גֶעפְּרוּבְט וֶוערֶען דֶערְצוּ!... ר' לֵייזֶער הָאט נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט און אִיז זִיךְ בֶּעטְרִיבְּט אין זַיין קַאבִּינֶעט אַוֶועק, חַייעֶלֶע הָאט דָאס טִיכֶעל צוּגֶעטְרָאגֶען צוּ דיא אוֹיגֶען און הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען חַלִּיפֶען פוּן גֶעוֵויין. רָחֶל'ע אִיז צוּגֶעפַאלֶען צוּ דֶער מוּטֶער און גֶעבֶּעטֶען.

– אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז גֶענוּג זַיין! גֶענוּג מַאמוּנְיָא, דִי רֵייד בְּרֵיינְגְט דָאךְ צוּ גָאר נִישְׁט, דוּ מַאכְסְט נוּר זִיךְ און דֶעם פָאטֶער נִיטְפֶערְדִינְטֶע שְׁמֶערְצֶען און פֶּערְדְרוּס, דוּא וַוייסְט דֶען נִיט וִויפִיעל גֶעזוּנְד אַזֶעלְכֶע רֵייד נֶעהְמֶען בַּיי אִיהְם צוּ? און פַאר וָואס? זָאג אַלֵיין, הָאט עֶר דִיר וֶוען גֶעשְׁטֶערְט דַיין פֶערְגְנִיגֶען? אִיז עֶר דֶען נִיט צוּפְרִידֶען זֶעלְבְּסְט דֶער מִיט וָואס דוּא פָאהְרְסְט צוּם רֶבִּין, אָדֶער פֶערְגִינְט עֶר נִיט דיא מַתָּנוֹת וָואס דוּא שֶׁענְקְסְט אִיהְם און זַיינֶע קִינְדֶער? וִויפִיעל מָאל דֶערְמַאנְט עֶר

דיר אליין וואס פאר א מתנה איהם אוועק צו פיהרען? פאר וואס זאלסטו אויסלעגען דיינע רייד פונקט פארקעהרט, איהם יסורים אנצוטהון און איהם ערצעהלען געשיכטען פון תפילות וואס קומען ניט צו צונאט, פון א.ניט פרומען הערצען און פון א.ניט ריינעם מויל"?... דאס הערץ ליעבע מוטער, איז טיף בעהאלטען ביי יעדען. קיינער זעהט ניט קיינעמ'ס פרומקייט אדער ניט פרומקייט, נאט אליין נור זעהט; אך ער ברויך ניט ביז מען זאל איהם דיא תפילות ארויפטראגען און איהם אויף אזילכע טאטץ דערלאנגען, ער איז דא אויך מיט אונז. יעדער האט איהם אויך אין איינענעם הערצען און ער הערט און ער אנטפערט יעדען וויא און ווען ער בעט איהם!..

— זיינע רייד, זיינע הקירות, זיא איז אין גאנצען שר! האט די מוטער אויסגעשריען און איהר גוט קינד אבגעשטויסען פון זיך, געה זיך דיר צו דיין טאטען! צו איהם געה און רעד אזעלכע רייד וועט ער דיר א קוש טהון, איך קאן אזעלכע דבורים ניט הארן, פון מיינע אבות האב איך עס ניט געהארט. איך וויל עס פון מיינע קינדער אויך ניט הארן!

— גוטע מאמוניא! האט רחלע ווידער געבעטען און געקושט דער מוטערס האנד נאך שטארקער וויא פריהער, צו ליעב דעם פעטער ר' שלמה'ן זאל זיין גענוג! צו ליעב מיר זאל שוין גענוג זיין! איך בעט דיך, דערמאן זיך אליין איבער וואס האט זיך דיא גאנצע רייד אנגעהויבען?!

— געה, געה, א קינד וואס ווייס ניט וויא א מוטער צו שאטצען דארף ניט פערלאנגען אז דיא מוטער זאל איהם צוליעב טהון! האט חייעלע זיא ווידער אבשטויסענדיג געזאגט, צו דיין טאטען געה! וואס ביזט דוא מיינע? דוא געהסט ניט אין מיינע דרכים, וויל איך אין דיינע ניט געהן, געה פון מיינע אויגען, זאג איך דיר!

דוא ביזט ניט קלוג חייעלע! האט ר' שלמה אנגעהויבען אז רחלע איז אוועגגעגאנגען צו זיך אין צימער אריין, ניט אזוי בעגעהט מען זיך מיט א קינד, מיט א גוט קינד, זאג איך דיר! הערסטו? מיט א בריליאנט א קינד זאג איך דיר! פאר דיינע דברים רעים וואס דוא האסט צו דיין טריע'ען גוטען מאן גערעדט בין איך ניט מחויב זיך אנצונעהמען, האטש איך בין זיין עלטערער ברודער; אבער דיין קינד אז דו בעליידיגסט און שטויסט אב פון זיך בעת עס טולעט זיך צו דיר און קושט דיך און וויינט, ביזטו אונגערעכט, בהויספט דוא א נארעשקייט, זאג איך דיר! א קינד מוז מען לערנען מיט נוטען, מיט קלוגע רייד בעווייזען אז מען האט עס ליעב, אז ניט ווערט דאס קינד פרעמד און קען זיך מיט א מאמען קיין עצה האלטען אמאל אז עס דארף, בפרט א מיידעל, דאס איז א ווייכע נאטור אבער דאס הארץ איז ניט אזוי אפען וויא ביי אונז מאנסלייט. נור א מוטער קאן דעם שליסעל האבען צום פערשלאסענעם הערצען פון איהר קינד, דער שליסעל איז: טרייהייט, ווייכע רייד אבער ניט אבשטויסען פון זיך פערשטעהסטו חייעלע?

— איך בין אויך געוועזן א מיידעל, האט חייעלע זיך אבגערופען, אפשר נאך צוא געראטהען מיידעל וויא זיא, פאר וואס האב איך גאר ניט געוואוסט פון דיא אלע צערימאניעס? דער טאטע האט אמאל אנגעשלאגען האט מען צו גענומען און געזאגט: „געזונד זאלען זיין דיינע הענד!" דיא מאמע האט אנגעצאלטען, האט מען

זיך פֿאַר אִיהְר גֶעשֶׁאמְט, פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס אִיהְר גֶעקָאלְט נִיט, אוּנ אוֹיס! — אִין יוּדִישְׁקַייט, אִין אֱמֶתְ׳ע פְרוּמְקַייט הָאט מֶען מִיךְ גֶעפִירְט, נִיט פֶערְנוּמֶען דֶעם קָאפּ אוּנ דִיא צַייט מִיט לֵייעֶנֶען בִּיכֶער אוּנ בִּיכְלֶעךְ, וָואס קָאסְט נוּר גֶעלְד אוּנ צַייט אוּנ מֶען הָאט דֶערְפוּן אַבְּרֶעקְעל נוּטְצֶען נִיט. וְויפִיעל דַארְף אַ מֵיידֶעל קֶענֶען? אַ בְּרִיוֶועל אוֹיפְשְׁרַייבֶּען, דַאוְונֶען, טַייטְשׁ חוּמֶשׁ לֵייעֶנֶען אוּנ וִויסֶען אַ דִין אִין יוּדִישְׁקַייט. דָאס הָאט זִיא אָבֶּער שׁוֹין מִיט פִינְף יָאהר צוּרִיק גֶעקֶענְט, וָואס הָאבּ אִיךְ דֶערְפוּן אַז זִיא קֶען אִין דִיא בִּיכֶער? דֶעם חָתָן אִין גַדְן דָאס אֶפְשֶׁר אָנְגֶעבֶּען? אַ בְּלַאט גְמָרָא אִיז דָאס וָואס מֶען בֶּעצָאהלְט גֶעלְד דֶערְפַאר? זִיא אִיז אַקִינְד? אַהַא. אִיךְ הָאבּ פֶערְגֶעסֶען! אָבֶּער וְויפִיעל אִיז אַ שִׁיעוּר אַ קִינְד צוּ זַיין? נַיין! אַנְדֶערְס וֶועל אִיךְ אָנְהֵייבֶּען מִיט אִיהר פִיהְרֶען: שַׁבָּת בַּיי טָאג וֶועט זִיא מִיר מוּזֶען לֵייעֶנֶען דִיא סֶדְרָא מִיט דֶער הַפְטָרָה, זָאל זִיא זִיךְ גֶעוָואהנֶען צוּ זַיין אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, פוּן אִיהְר טַאטֶען זָאל זִיא מִיר זִיךְ נִיט אָבְּלֶערְנֶען!

— חַיילֶע, דוּא פֶערְגֶעסְט פוּן כַּעַס, אַז אִיהְר טַאטֶע אִיז דַיין מַאן, הָאט ר׳ שְׁלמה מִיט אַ פֶעטֶערְלִיכֶער בֶּענֶעהמוּנְג גֶעזָאגְט, דֶער עֶרְשְׁטֶער חוֹב פוּן אַ יוּדִישֶׁער טָאכְטֶער אִיז צוּ טְהוּן דֶעם גוּטֶען וִוילֶען פוּן אִיהְר מַאן! זֶעהְסְטוּ, אַז דַיין מַאן וָואלְט זַיין אַ אָבְּגֶעקֶעדֶערְטֶער פוּן נָאטֶעס וֶועגֶען חָלִילָה, אָדֶער אַ שְׁלֶעכְטֶער מַאן, אַ אוֹיסבְּרֶענְגֶער, אַ הוּלְטַיי, חָלִילָה, וָואס זַיין וַוייבּ לֶעבְּט פַאר אִיהְם, נִיט פַאר דִיר גֶעדַאכְט אַחשֶׁךְ־דִיגֶען לֶעבֶּען, וָואלְכְטוּ רֶעכְט הָאבֶּען אָנְצוּזָאגֶען דַיין קִינְד: עֶס זָאל זִיךְ פוּנ׳ם טַאטֶען נִיט אָבְּלֶערְנֶען, אָבֶּער דַיין מַאן אִיז אַ יוּד אַ עֶהְרְלִיכֶער, אַ פְרוּמֶער יוּד, אַ יוּד וָואס גָאט אוּנ לַייט הָאבֶּען פוּן אִיהְם אַ הֲנָאָה, עֶר אִיז מַיינֶער אַ בְּרוּדֶער, חַיילֶע, ר׳ אַבְרָהָם קָאהָאנְס אַזוהן, קֵיינֶער דֶערְמַאנְט נִיט דֶעם טַאטֶענְס נָאמֶען חָלִילָה לִגְנַאי. נָאךְ אַזַא יוּד הָאט עֶר בַּיי אוּנְז נִיט גֶעלָאזֶען, אוּנ וֶוער וֵוייס עֶס נִיט. אַז דֶער טַאטֶע, עָלָיו הַשָּׁלוֹם, הָאט זִיךְ אוֹיךְ אַזוֹי גֶעפִירְט וִויא דַיין מַאן זָאל לֶעבֶּען? דַיין מַאן הָאט דֶעם טַאטֶענְס נַחֲלָה צוּ גֶענוּמֶען אוּנ הָאט נָאךְ פוּן טַאטֶענְס מִנְהָגִים נִיט מְשַׁנֶּה גֶעוֶועזֶען וָואס אַ הָאר אִיז וֶוערְטְה. פֶע. אֲפִילוּ אַ שׂוֹנֵא רֶעדְט נִיט אוֹיף לֵייזֶערְן, וָואס דוּא!

— וָואס רֶעד אִיךְ דֶען? וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט? גָאט הָאבּ אִיךְ פֶערְטְשֶׁעפֶּעט? הָאט חַייעֶלֶע אוֹיסגֶעשְׁרִיעֶן, אַ קְלֵיינִיגְקַייט? אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט עֶר זָאל פָאהרֶן צוּם רֶבִּין, וָואס קוּמְט מִיר דֶערְפַאר? זַיין קְרוֹין הָאבּ אִיךְ אָנְגֶערִיהְרְט? אֱמֶת, דֶער שְׁוֶוער אַ לִיכְטִיגֶען גַן עֵדֶן זָאל עֶר הָאבֶּען, אִיז טַאקִי גֶעוֶועזֶען אַ יוּד אַ צַדִיק אוּנ מַיינֶע קִינְדֶער מָאגֶען גֶערָאטְהֶען זַיין אִין אִיהְם. אָבֶּער וָוער אִיז דֶען מַיין טַאטֶע גֶעוֶועזֶען? טַאקִי אַ מִיהלְנֶער, אָבֶּער אַזַא יוּדֶען אַ חָסִיד גֶעפִינְט מֶען אִיצְט נִיט, זָאלֶען מַיינֶע קִינְדֶער זַיין אַזוֹי פְרוּם וִויא עֶר, אוּנ מִיךְ וֶועט גָאר נִיט אַהרֶען אַז זַיי וֶועלֶען נִיט זַיין אַ זֶעלְכֶע טַייטְשֶׁען קֶענֶער וִויא זֵייעֶר טַאטֶע?

— אָבֶּער וָואס אִיז זֵייעֶר טַאטֶע? הֶער נוּר וָואס דוּא רֶעדְסְט, חַייעֶלֶע, לַייט וֶועלֶען לַאכֶען פוּן דִיר! הָאט ר׳ שְׁלמה קוּרְץ אָבֶּער אִין כַּעַס אוֹיסְגֶערֶעדְט, דוּא קֶענְסְט אִיהְם נִיט! דוּא פֶערְשְׁטֶעהְסְט נִיט וֶוער אוּנ וָואס דַיין מַאן אִיז; אַזַא מַאן דַארְף מֶען דִיא פִיס וַואשֶׁען אוּנ דָאס וַואסֶער טְרִינְקֶען, נוּר לֵייזֶער פֶערְלַאנְגְט עֶס גָאר נִיט, שָׁלוֹם, אִיז זַיין לֶעבֶּען. חַייעֶלֶע, כַּעַס בְּרֶענְגְט שְׁטֶענְדִיג צוּ נַארְעשְׁקַייט, זַיי מוֹדֶה אַז דוּ בִּיזְט

אונגערעכט און לאז מעהר אזעלכע נארישע נאוועגדעס ביי אייך אים הויז ניט פארקומען! איך האב פאר דיר קיין מורא ניט, איך בין אזא חסיד וויא דוא. א חסיד אויף א חסיד האט קיין פאראיבעל ניט! איך זאג דיר דוא מוזט געבען קנס! חייעלע האט זעהר געשמייכעלט ר' שלמה'ס לעצטע ווארטער, בפרט וואס ער שטעלט זיא אין חסידות גלייך מיט זיך, זיא האט נאך פריהער חרטה געהאט, נור איהר שטאלץ האט איהר ניט געלאזט נאכגעבען, איצט אז ר' שלמה האט איהר וועגען איהרע חסידות דערמאנט, האט איהר נאוה געפונען דען בעסטען וועג וויא פון דעם אונגליקליכען מלחמה פעלד צו ענטלויפען.

— אויף אייך, ר' שלמה, וועל איך קיינמאל קיין פאראיבעל האבען, מיר זאגען דאך עפיס חסידים פון איין רבין זאל לעבען, הלואי זאל ער נור אזוי זיין וויא איהר! מיינט ניט חלילה, אז איך בין נאר אזא פשוטה, נאר אזא בהמה אונ איך וויים ניט ווער אונ וואס מיין מאן איז! מיין רחל'ען ווינשע איך קיין בעסערן אונ פיינערן ניט, וויא איהר טאטע איז, — נור אז איהר הייסט געבען קנס, גיב איך, מען מוז פאלגען א עלטערן.

— אזוי, אזוי! האט ר' שלמה אויסגעשריען, אט אזוי טהוט א אשה כשרה, א חסידה, אט איצט זעה איך אז דיין פאהרן צום רבי'ן איז ניט אומזיסט! קנס אבער זאלסטו געבען, ניט מי יודע וואס, א "מלוה מלכא'לע" עפיס א רעבעט'ס, דוא וועסט אויך עסען מיט אונז, לייזער וועט זיך אויך לאזען איבערבעטען אונ לאז ווערן שלום אויף א פולער וואך! ר' שמעון, בלייבט צו "מלוה מלכא" וועלן מיר האבען א מזומן! נישקשה, עס וועט זיין א גוט ביסעל משקה, חייעלע, דוא וועסט געבען א גוט ביסעל וויין?

— איך זשאליווע ניט, האט זיך חייעלע אפגערופען, נאטס גאב אונ מיין מאנס הארישאניע! חאטש ר' שימעלע האט דיא דריטע סעודה דא געגעסען מיט גרויס אפעטיט אונ איז אוועק פון טיש נאר ניט הונגריג, פון דעסטוועגען איז ביי איהם אין מאגען גענוג פלאטץ געבליבען אויפצונעהמען א גוטע "מלוה מלכא'לע". דאס הארץ האט איהם געזאגט, אז ר' שלמה וועט אהן א ביסעל משקה ניט אוועקגעהען אונ וועט איהם מסתמא פערהאלטען א דריטען צום מזומן, דערפאר איז ער זעהר צופרידען געוועזן וואס דער ספאר האט זיך אויסגעלאזען צו א ביסעל משקה.

ר' שלמה האט נאך זמירות געזונגען, שימעלע איז אויך אומגעלאפען איבערן שטוב אהין אונ צוריק אונ זיינע ליפפען האבען עפיס אויך וואס ארויס געבאלבעט, ער האט אויך צוגעברומט טיף פערטראכט, דערווייל האט חייעלע צום טיש געגרייט, ר' שלמה האט אביינגעבעטען לייזערן, אויך רחלע האט געמוזט עסען מיט זיי אלעמען.

— געוואלד, וואס פאר א טהייער פאלק יודען זענען! האט ר' שלמה אויסגערעדט אגניסענדיג א גלאז וויין, מען מאג זיך זיבצעהן מאל צוווארטלען, צוקריגען זיך אפילו, קומט נור צו א מצוה'לע, ווערט מען ווידער שלום! ניט אמת לייזער. דוא ביזט מוחל חייהלען? אונ דוא, חייהלע, האסט שוין אויך קיין פרעטענזיעס ניט אונ מיר אלע זענען מלוה מלכא, דאס הייסט: דעם היילינגען שבת בעגלייטען

מיר מיט שלום, מיט אהבה אונ מיט אחוה ורעות. גאט זאל זיין שלום פון דעם ווייז גיט אבטהון, שלום אונ שלות זאלען זיין אין אלעם גוטס אייערן אונ גאט ברוך הוא זאל בענשען אלע יודען מיט שלום!

— אמן! האט חייעל'ע געאנטפערט אונ א קוק געטהון אויף איהר מאן.

— אמן! האט אויך ער געזאגט אונ א פריינדליכען בליק געווארפען אויף איהר, רחל'ע איז צוגעגאנגען צום פעטער אונ איהם א קוש נעגעבען פאר זיינע פריינדליכע רייד, ער האט איהר צוריק א קוש געטהון אין קאפ. דערנאך האט ער זיך מיט זיין ברודער צוקושט אונ שפעטער, אז ער איז שוין געוועזן אביסעל בעשוואכט, האט ער יעדען איינציגען געקושט, געפאטשט שמעונ'ן אויפ'ן פלייצע אונ געשריען: גיט זארגט שמעון, איך האב אייך ליעב! איהר זייט ביי איהם זאל לעבען א תקיף אונ דאס איז גוט אזוי וויא עשירות! רחל'ע האט זיך ווידער צוגעטולעט צו דער מוטער. ר' לייזער איז פרעהליך געווארן אונ גענומען זיין פידעל אונ האט געשפילט א פאאר מעלאדיען פון דער אפפערע טרובאדור.

אז ר' שמעון איז שפעט ביי נאכט אהיים אוועק, האט רחל'ע ניט פערגעסען איהם מיטצוגעבען א שטיק פלאדען פאר זיינע קינדער, אונ האט געזאגט: מיר זענען אויך שלום רבי; ניט אמת איהר האט מיר מוחל געוועזען? גיט עס אייערע קינדער. זאלען זיי וויסען אז פון היינט וועט שוין ביי אונז אלע מאל שלום זיין. איהר וועט מיינע ברידערלעך אין חדר מעהר ניט שלאגען; זאגט איהר עס מיר צו רבי?

— הונדערט מאל, רחל'ע, צעהנטויזענד מאל! האט ר' שמעון מיט פרייד געאנטפערט, איך זאג דיר אין דיא אויגען: דוא ווייסט גאר אליין ניט וואס פאר א בריליאנט דוא ביזט. שלום, מיין טהייערע תלמידקע, א דאנק זאג איך דיר ניט, גאט ברוך הוא זאל דיר דאנקען, אונ אז ער וועט דיר דיין בעשערטען וואוילען חתן צושיקען, וועל איך איהם דער ערסטער זאגען דיינע מעלות אונ איהם געבען צו פערשטעהן אז ווען אפילו ער זאל אויספאהרען זוכען אלע וועלטען אין דער לענג אונ אין דער ברייט וועט ער נאך אזא רחל'ען, אזא געראטהענע וויא דוא ניט געפינען! א גוטע נאכט, א גוטע וואך!

מיט דיא ווערטער איז ער א פאלער אהיים געגאנגען, פאל דער מאגען פאל דיא קעשענעס אונ פאל דער קאפ מיט צופרידענע מחשבות אויף א פאלער וואך. א אשה כשרה, אלייטישע אשה איז חייעלע, לעבען זאל זיא. האט ער פאר זיך גערעדט, "זה לעומת זה עשה הקדוש ברוך הוא": איינס געגען דעם אנדערען האט ער בעשאפען, ער האט בעשאפען פייער אונ האט בעשאפען וואסער, ער האט בעשאפען ארעמקייט אונ האט אויך בעשאפען רייכקייט, ווען ניט אזוי וואלט אזא קבצן, רחמנא לצלן, וויא שמעון גאר קיין תקומה ניט האבען! אזוי וויא וואסער לעשט דאס פייער, אזוי איז דער רייכער משפיע אויף דעם ארעמאן. איך האב היינט אין זיך אריינ־געגעסען אונ אריינגעטרונקען אים אונ עס קאסט מיר א קאפעקע ניט! "איינס געגען דעם אנדערן האט ער בעשאפען". אט איז זיך למשל: ר' לייזער גאר א פילוזוף, אפילו א עהרליכער יוד, אבער וואס טויג איהם דקדוק? נו, אונ אז איך, כדומה למשל, קען ניט קיין דקדוק אונ וויל ניט קענען וואלט איך מכות געהאט אונ ניט זיינע

בּיידע בָּנִים אויף ווינְטֶער אִין חֶדֶר אַריין, וָואס טְהוּט עֶר? גיט עֶר ר׳ לֵייזֶערן אַוועק אַ אִשָּׁה כְּשֵׁרָה, אונ זיא וויל אויך קֵיין דִקְדוּק נִיט. דֶערְוַוייל בִּין אִיךְ דוּרְךְ דֶעם גֶע־הָאלְפֶען. — אַ פְרוּמֶע אִשָּׁה אִיז חַייֶעלֶע, אַ הֵייסֶע, אַ וַוארִימֶע חֲסִידָה, אָבֶּער אִיהְר הַיים בִּיסֶעל מַשְׁקֶה אִיז נָאךְ הֵייסֶער. טְהַייֶערֶע מַשְׁקֶה, עֶס הָאט מִיךְ צוּנוּמֶען אונ מַיינֶע פִּים פְּלוּנְטֶערן זִיךְ, אִיךְ בִּין דַאכְט זִיךְ בְּגִלוּפִינְ׳דִיג. וָואס הָאבּ אִיךְ מוֹרָא? אַבִּי אִיךְ הָאבּ עֶפִּים אִין קֶעשֶׁענֶע, וֶועט מַיין אַלְטֶע שְׁרַייֶען דֶערְלַאנְג אִיךְ אִיהְר אַ שְׁטִיק פְלָאדֶען. אונ וָואס וֶועט זִי שְׁרַייֶען? אִין אַ שֶׁענְק הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַיינְגֶעשִׁיכּוֹרְט? מִיט שִׁכּוֹרִים עֶרְגֶעץ גֶעהוּלְטַייֶעט הָאבּ אִיךְ? אויף אַסְעוּדַת מִצְוָה׳לֶע אִיבֶּערְגֶעהַאפְּט אַבִּיסֶעל מַיין מָאס, טָא אִיז וָואס? חַיילֶע הָאט גֶעמָאנְט מוֹחֵל זַיין אִיהְר מַאן? מָאג מַיין אַלְטֶע מִיר אויך מוֹחֵל זַיין! אַ טְהַייֶערֶע אִשָּׁה אִיז חַייֶעלֶע, אָבֶּער אִיהְר מַשְׁקֶה אִיז גָאר אַ הַפְלָא!׳ דִיא לֶעצְטֶע ווֶערְטֶער הָאט עֶר אויסְגֶעשְׁפְּרָאכֶען אִין דֶער מִינוּט וָואס עֶר אִיז אִין זַיין שְׁטִיבֶּעל אַרַיין.

ר׳ לֵייזֶער הָאט נָאךְ דֶעם אָבֶענְד פִּיעל גֶעשְׁרִיבֶּען. אַז רָחֶלֶע אִיז צוּ אִיהְם אִין צִימֶער אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִיהְם זָאגֶען „אַגוּטֶע נַאכְט״, הָאט עֶר אויף אִיהְר אַלִיעבֶּען קוּק גֶעטְהוּן, אונ פֶערְשְׁטֶעלְט דָאס בְּרִיוועלֶע וָואס עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען אִין שְׁרַייבֶּען זִיא זָאל דֶעם טִיטוּל נִיט זֶעהְן. צֶארְטְלִיכֶער וִויא אַלֶעמָאל אִיז זַיין קוּק אִיצְט גֶעוֶועזֶן אויף זַיין קִינְד אונ מִיט פָאלֶע אויגֶען לִיבֶּע הָאט עֶר זִיא בִּיז דֶער טְהִיר בֶּעגְלֵייט.

„וִויא גְלִיקְלִיךְ וָואלְט דֶער זֵיידֶע גֶעוֶועזֶען אַז עֶר וָואלְט אָט דִיא שָׁעָה דֶער־לֶעבְּט!״... הָאט עֶר פַאר זִיךְ אויסְגֶערֶעדְט אונ הָאט דָאס בְּרִיוועלֶע וַויטֶער גֶעשְׁרִיבֶּען.

## ד׳.

ר׳ לֵייזֶער אַלֵיין הָאט זַיין פְּרוֹי אויסְגֶערִיכְט אִין וֶועג אַרַיין צוּם רֶבִּ׳ין. אַלֵיין אִיהְר גֶעהֵייסֶען דָאס אונ יֶענְס אַמַתָּנָה אַוֶועקְפִיהְרֶן דֶעם רֶבִּי׳נְס שְׁנִיר אונ טָאכְטֶער אונ חַייֶעלֶע אִיז אַ צוּפְרִידֶענֶע אַוֶועק גֶעפָאהְרֶן. ווִינָאנְגְרַאדְקֶע, דֶעם רֶבִּי׳נְס רֶעזִידֶענְץ אִיז נוּר אֵיין טָאג וַוייט גֶעוֶועזֶן פוּן קְלֵיינִיץ פוּנֶדֶעסְטְווֶעגֶען הָאט חַייֶעלֶע אָנְגֶעבַּאקְט אונ אָנְגֶעפְּרֶעגֶעלְט מִיט זִיךְ צוּ נֶעהמֶ׳ן ווִיא אַ מְחוּתֶּנֶת׳טֶע וָואס פָאהְרְט אויף אַ קִינְדְס חֲתוּנָה; אונ זִי אִיז גֶערֶעכְט גֶעוֶועזֶן: דִיא טָאג זֶענֶען גֶעוֶועזֶן לִיכְטִיגֶע, טְרוּקֶענֶע אונ קִיהְלֶע, אַלֶע קְרֶעצְמֶעס אויפֶן וֶועג וָואס פִיהְרְט קֵיין ווִינָאנְגְרַאדְקֶע זֶענֶען פָאל פוּן חֲסִידִים גֶעוֶועזֶן אונ מֶע דַארְף זִיךְ לָאזֶען דֶערְקֶענֶען: זָאל מֶען ווִיסֶען אַז חַייֶעלֶע פָאהְרְט נִיט צוּם רֶבִּ׳ין מִיט לֵיידִיגֶע הֶאנְד.

בֶּעוֶועלֶע שְׁפַּאק, דֶער מְשָׁרֵת פוּן אִיהְר זַאוָואד אִיז אויךְ הַיינְט ווִיא שְׁטֶאנְדִיג דֶער קוּטְשֶׁער גֶעוֶועזֶן אונ עֶר הָאט גֶעווּאוּסְט וואוּ מֶען דַארְף זִיךְ אָבְשְׁטֶעלֶן. אויף שַׁבָּת אִיז זִי אַגְלִיקְלִיכֶע אונ אַצוּפְרִידֶענֶע אַהֵיים גֶעקוּמֶען מִיט אַלֶעדִיגֶען וָואגֶען, מִיט לֶעדִיגֶע טְשֶׁעמָאדַאנֶעס אָבֶּער דֶערְפַאר פָאל בְּרָכוֹת פוּן אִיהְם זָאל לֶעבֶּען אויף אַ נַיי יָאהְר. אַגֶעזוּנְדְט יָאהְר, אַ יָאהְר פוּן לֶעבֶּען אִין פִיעל גְלִיק אונ נַחַת.

שַׁבָּת בַּיי טָאג, אַז זִי אִיז מִיט אִיהְר מַאן אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען אונ הָאט אִין אִיהְם בֶּעמֶערְקְט אַז עֶר אִיז צוּ אִיהְר פְרַיינְדְלִיכֶער ווִיא גֶעוֶואהְנְלִיךְ, הָאט זִיא אִיהְם אויס־

ערצעהלט איהר גדולה. ביים רבין, איהר נאמען צווישען חסידים גרויסע לייט, אויך וויא גרויס זיין נאמען איז אלס גביר אונ קאפ מענש, אזוי גרויס, אז ר' פנחס'ל, דעם רבינס גבאי, האט איהר אפען געזאגט, אז ער רעכענט קומען דיא צייטען עקסטרא צו איהם רעדען א שדוך פאר רחל'ען מיט א גרויסען גביר פאר זיין בן יחיד, זעהר אנגעראטהען קינד, אונ דאס איז אזא גליק וואס עס טרעפט נור איינמאל אין טויזענד יאהר, ווייל דער מחותן איז א יוד א מטופל אפשר מיט אהאלב מיליאן רובעל אונ האט איינענע פאלווארקעס אונ הויפען, מיהלען אונ וואלדען אונ וועט קיין סך גבן אויך ניט פערלאנגען, ער וויל נור נעהמען א שנור פון פיינעם הויז.

– ר' פנחס'ל וואלט שוין דא לאנג געוועזן, האט זיא אויסגעלאזען, נור ער קאן געבעך איצט ניט אבפאהרן ווייל דאס ווייב זיינס איז שטארק שלאף, גאט ווייס אויב זיא וועט זיך ארויסדרייען. דער רבי, זאגט מען, איז זעהר קאלט, מסתמא זעהט ער אז זיא האט מעהר קיין יאהרן ניט. אדונקעלער וואלקען האט צוגעדעקט ר' לייזער'ס ליכטיגס געזיכט. דיא ווארטער איהרע האבען איהם זעהר אין א שווערמוטהיגע לויגע פערזעצט.

– איך בעט דיך חיילע, האט ער געזאגט, רעד מיט מיר מעהר ניט וועגען א שדוך פאר רחל'ען; רחלע איז נאך צו יונג, נאך קיין אכצעהן יאהר ניט. פאר צוואנציג וועל איך איהר ניט חתונה מאכען אז איך וועל נור לעבען, דאס האבטוז אקורצע תשובה איינמאל פאר אלע מאל! גאט אליין וועט מיין קינד איהר בעשערטען ווייזען, איך בעט דיך, האב וועגען דעם קיין דאגה ניט!

חיילע האט אפילו געפרובט איינווייזען אונ ערקלערן איהר דעה, איהר עצה, אבער ער האט איינמאל פאר אלע מאל געזאגט: אין אלין אין דער וועלט וועט ער איהר נאכגעבען. אלין פון איהר אויסהארן נור וועגען רחלען געבען א חתן פאר צוואנציג יאהר אין קיין אופן ניט. אומזיסט וועט זיין איהרע רייד.

חיילע האט אזא ענטשידענעם טאן פון איהר מאן אין איהר לעבען ניט געהערט, זיא איז קיין נאר ניט געוועזען אונ האט פערשוויגען.–דאס לעבען אים הויז איז זיך געגאנגען וויא געוועהנליך, דיא געשעפטען זענען זעהר גוט געגאנגען דאס יאהר, דער נייער זאוואר פון ברוינפען אונ פון טרוקענע הייוועך וואס ער האט פאר יאהרן געאפענט האט אין ארומיגען געגענד אגרויסען נאמען בעקומען אונ מען האט פערקויפט מיט פערדינסט.

אויף ימים נוראים איז ר' שלמה אויך געפאהרן צום רבין, דארט געבליבען גאנצע צוויי וואכען, דארט געדאוונט, תורה געהערט אונ געטרונקען מיט חסידים נאך מעהר. אויף יום כפור איז אויך שימעלע מלמד אוועק צופוס, ער האט דארט אויך קיין הונגער אונ דורסט ניט געליטען אונ איז געקומען אויף סכות צוריק צוזאמען מיט ר' שלמהן. – זיי וואלטען אויך בראהליך אונ צופרידען געוועזען וויא חייעלע צוריק פאהרענדיג, נור מוצאי יום כפור איז זיי בעשערט געוועזען צו זיין ביי יציאת נשמה פון דער גבאי'טע, ר' פנחס'לס ווייב, זיא איז פונקט ניך נעילה געשטארבען. מען האט געשען בחוש, האבען חסידים ערצעהלט, אז דער רבי זאל לעבען האט דעם מלאך המות אבגעהאלטען אגאנצען טאג, כדי ר' פנחס'ל זאל קאנען דאוונען מיט כונה אונ

זיא זאל קומען אהין אריינע. מען האט נאך א מופת ערצעהלט: ר' פנחס'ל האט געזאלט נאך נעילה אנטהון דיא שיך, האט דער רבי זאל לעבען איהם ניט געהייסען ווייל ער האט שוין געוואוסט אז ער איז מחויב שבעה צו זיטצען. מען זאגט זאגאר, אז דער רבי האט איהר פאר כל נדרי צוגעזאגט. אז זיא וועט שטארבען תיכף נאך נעילה אונ וועט קיין חבוט הקבר ניט ליידען. צו דער לויה האבען אלע געוויינט אח ר' שלמה אונ שימעלע זענען נאך אונמוטהיג געוועזען ביז אהיים קומענדיג.

דעם טאג ערב סכות איז חיילע זעהר בעשעפטיגט געוועזען אין קיך אנצוגרייטען צוקערגעבעקס פון אלע מינים, לייט וואס וועלן קומען גוט יום טוב ביטען זאלען א הנאה האבען; ר' לייזער האט זיך מתעסק געוועזען ארום דער סכה אין האף אונ געהאלפען בערעלע שפאק צודעקען מיט גרינעם פרישען סכך. דיזע ארבייט האט בערעלע, אלס עם הארץ זיך ניט ערלויבט צו טהון אליין. ער האט מורא געהאט טאמיר מאכט ער דא א פעהלער אונ חייעלע וועט איצט ווידער שרייען וויא פאר יאהרן: „עס איז ניט רעכט אין אזא סכה צו עסען.“ דיא קליינע קינדער זענען איצט אויך פערנומען געוועזען מיט דעם האמער אונ זעג וועלכע זענען דא געלעגען. אין שטוב איז נור אליין רחלע געבליבען וואו זי האט אויך צוטהון געהאט נארדינגען צו צוריכטען פאר דער סכה, אז די נארדינגען זענען שוין פארטיג געווארן האט זי זיך גענומען אויספלעכטען פון בלומען אונ בלעטער א שאנע גירלאנדע די סכה צו בעפוצען; דיזע ארבייט איז איהר אויסער ליעב אויך הייליג געוועזען: דער יום טוב סכות איז איהר ליעבער געוועזען שטאנדיג מעהר אלס אנדערע ימים טובים, אין סכה פלעגט דער פאטער שטאנדיג ערקלערן דיא בעדייטונג פון דעם יום טוב, אונ איצט זיצענדיג בעשעפטיגט מיט דער בעפוצונג פון דער סכה האט זי זיינע אלע געשיכטען פון פאר יאהרן דערמאנט, אין איהרע געדאנקען האט זי איצט ווי פאר די אויגען געזעהן יענע טויזענדער סכות וואס אין זיי האבען אונזערע עלטערן געוואוינט ארויסגעהענדיג פון מצרים, זי האט אויך יענע הערליכע סכה געזעהן, אין וועלכער אונזער געטליכער לעהרער משה האט געוואוינט, וואו טויזענדער יודען שטעהן פאר זיין טהיר אונ הארן די תורה זיינע וואס גאט האט איהם נעגעבען צו לערנען זיין בעפרייט פאלק, א פאלק צו ווערן, א אייביג פאלק וואס האט שוין אזוי פיעל טויזענד יאהר געלעבט אונ לעבט נאך היינט אונ מאכט נאך היינט סכות צו דערמאנען יענע סכות אונ יענע תורה וואס זיי האבען געלערנט. ווי שאן, ווי ליעב האט איהר פאנטאזיע פארגעשטעלט דאס געשטאלט פון דעם הייליגען געטליכען משה'ן! אונ דיזעס געשטאלט איז איהר אזוי בעקענט געוועזן. אזא אנגענעהמע פריינדליכע מינע האט ער געהאט. איהר האט איצט געדאכט אז זי זעהט איצט א ליעבען בעקענטען פריינד אונ זי האט זיך בעמיהט צו דערמאנען ווען האט זיא איהם געזעהן אונ ווען איז ער אזוי ליעב געווארן? דער נאמען משה פון דעם הייליגען מענשען, האט גאנץ אהן איהר ווילען געבראכט זי זאל זיך אן איהר שוועסטער קינד משה'לען דערמאנען אונ זיין קינדערשע שאנע געזיכט האט זי איצט געזעהן אין איהר פאנטאזיע אין משה רבינו. ענדליך האט זי זיך דערמאנט אז זי זעהט דאס געשטאלט פון איהר שוועסטער קינד. „אך“, האט זי צו זיך געזאגט, דאס איז דאך מיין משה'לע נאר! אבער קאן מיין שוועסטער קינד ניט אזוי שאן זיין ווי משה רבינו.

אונזער לעהרער, אונזער פיהרער? קאן איך מיר דען נאך א שאנערס געזיכט מיט ליכטיגערע אויגען פארשטעלן זעלבסט אין דעם שאנסטען אונ היילינגסטען פון אלע מענשען אלס דאס לויכטיג געזיכט פון מיין חבר משהלען, וואס טראגט זיין אונשטערבליכען נאמען?.. זיא האט איצט אין איהר פאנטאזיא אנגעהויבען זוכען נאך א בעקענטען נאמען „משה" אונ זיא האט זיך דערמאהנט אז פאר יאהרן איז ביי זיי געוועזן ר' פנחסל, דעם רבינס גבאי מיט נאך א גבאי ר' משה, אבער יענער איז געוועזן א יוד מיט ארויטען קארק, א געלער געדיכטער פערוווילדעטער באָרד אונ א פערשווארצטע נאז, דערצו האט געשריען אונ געדרייהט מיט ביידע הענט בעת ער האט גערעדט, אונ רחלע האט ניט געקאנט אהן א ווידערווילען זיטצען מיט איהם ביי איין טיש. „ניין", האט זי פאר זיך איצט איבערגערעדט, „דיזער שליח דעם רבינס, וואס טרינקט ברוינפען אזוי פיעל אונ אבטעט קיין מענשען ניט קאן ניט אהנליך זיין צו אונזער היילינגען, גאטעס שליח, משה רבינו! נור א פאלשען נאמען טראגט ער! משה רבינו איז ווי דער גראסטער, בעסטער אונ קליינסטער אויך דער שאנסטער געוויס געוועזן פון אלע מענשען. אך, ווי ליעב איז מיר זיין היילינגער נאמען! ווי זינדיג רופט מען מיט דעם היילינגען נאמען מענשען וואס זענען ניט ווערטה „משה" אנגערופען צו ווערן! וויא וויל איך אז מיין שוועסטער קינד משה'לע זאל ווערטה זיין „משה" צו הייסען! וויא וויל איך איהם זעהן צו איז ער נאך אזוי שאן אונ אזוי ליעב וויא ער איז אמאל געוועזן"! אין אזעלכע געדאנקען פערטיפט, האט זי פלייסיג דיא גירלאנדע געפלאכטען אונ ניט געהערט אז צו דער טהיר איז צוגעפאהרן א פוהר, פון פוהר איז אראפ א יונגער מענש, אונ איז צו זיי אין שטוב אריין. זיא האט ניט בעמערקט אז דערזעלבער האט דיא טהיר געאפענט אונ איז גלייך אין עס-צימער אריין וואו זיא איז געזעסען מיט איהר ארבייט בעשעפטיגט. ביי דער טהיר איז ער שטעהן געבליבען, וויא פערוואונדערט אויף איהר קוקענדיג. ענדליך האט זי איהרע אויגען אויפגעהויבען אונ צו איהר פערוואונדערונג האט זיא דערזעהן אז יעמאנד שטעהט דא. זיין געזיכט האט איהר אויסגעוויזען בעקענט, זיא האט זיך גוט צוגעקוקט אונ איז ערשטוינט געווארן נאך מעהר; פונקט אין אזא געשטאלט, נור מיט א שאנעם ווייסען באָרד ארום האט זי ערשט אין איהרע געדאנקען געזעהן דעם געטליכען משה רבינו; זי איז איבערראשט אונ ערשראקען געווארן. זי האט געמיינט עס איז דא מיט איהר וואס איבערנאטירליכעס געשעהן אונ זי האט ניט געקאנט א ווארט אויסרעדען.

— בין איך ביי ר' לייזער קאהאן אים הויזע? האט דער יונגער מענש געפרעגט נאהענטער צוגעהענדיג, אונ וואס נאהענטער ער איז צוגעקומען דאס בעקענטער אונ פריינדליכער איז זיין געזיכט רחלען געווארן.

— איהר האט קיין טעות ניט, יונגער מענש, האט זי בעשעמט געאנטווערט, זאגט מיר, וועמען ברויכט איהר?

— זייט איהר פיללייכט זיין טאכטער רחל, אדער רחלע, ווי מען האט אייך דאמאלס גערופען, בעת איהר האט נאך מיך גוט געקענט? האט דער גאסט געפרעגט ניט צווייפלענדיג, אז ער רעדט יעם מיט זיין שוועסטערקינד. חאטש די שטימע איז נאך פרעמד געוועזן אבער דיא ארט וויא ער האט גערעדט, דער הארציגער זיסער

טָאן הָאט אִין אִיהְר וָואס בֶּעקֶענְטֶעס אוּנ לִיעבֶּעס דֶערְמַאנְט. זִיא הָאט זִיךְ גוּט צוּ־גֶעקוּקְט אוּנ אִין נַאסְט אִיהְר שְׁוֶועכְטֶערְקִינְד עֶרְקֶענְט. — מֹשֶׁהלֶע! הָאט זִיא אוֹיס־גֶעשְׁרִיעְן: זָאל אִיךְ מַיינֶע אוֹיגֶען אוּנ מַיין הֶערְץ נִיט גְלוֹיבֶּען? אוּנ נָאךְ אֵיידֶער עֶר הָאט אַ וָוארְט גֶעפוּנֶען וָואס צוּ אֶנְטְפֶערְן אִיז זִיא אִיהְם אִין זַיינֶע אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייטֶע אָרֶעמְס גֶעפַאלֶען אוּנ זֵיי הָאבֶּען זִיךְ בְּרִידֶערְלִיךְ צוּקוּשְׁט.

— אַךְ, וִויא אוֹיסְגֶעוַואכְּסֶען אוּנ פֶערְאֶנְדֶערְט בִּיזְטוּ גֶעוָוארְן! הָאט זִי אוֹיסְגֶערֶעדְט אִיהְם גוּט בֶּעטְרַאכְטֶענְדִיג.

— אוֹיךְ דוּא רָחֵלֶע, בִּיזְט אַנְדֶערְס גֶעוָוארְן, הָאט עֶר גֶעאֶנְטְפֶערְט, נוּר וֶוערְנְד אִיךְ בִּין פִילַייכְט צוּם אֶרְגֶערְן פֶערְאֶנְדֶערְט בִּיזְטוּ אִיצְט שֶׁאנֶער אוּנ פָארְגֶעהְמֶער אַלְס פְרִיהֶער; בֶּעסֶער, וְויל אִיךְ נִיט זָאגֶען, וַוייל גוּט בִּיזְטוּ דַאמָאלְס אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אוּנ נָאךְ הָאבּ אִיךְ בִּיז אִיצְט קֵיין בֶּעסֶער קִינְד גֶעזֶעהְן אַלְס דוּא בִּיזְט דַאמָאלְס גֶעוֶועזֶען, מִיר וָועט גֶענוּג, זַיין רָחֵלֶע, אִין דִיר נָאךְ יֶעטְצְט יֶענֶע גוּטְהַארְצִיגְקֵייט צוּ גֶעפִינֶען!

— אוּנ וָואס זָאל אִיךְ דִיר זָאגְען, מֹשֶׁהלֶע? הָאט זִיא גֶעפְרֶעגְט בֶּעשֶׁעמְט. אִיךְ קָאן אַזוֹי וֶוענִיג קָאמְפְּלִימֶענְטֶען מַאכֶען; אָבֶּער אִיךְ מוּז דִיר זָאגֶען: דוּ בִּיזְט אִיצְט אוֹיךְ נִיט אֶרְגֶער אַלְס אִין יֶענֶע יָאהְרֶן. זָאג מִיר, מַיין טְהַייעֶרֶער, וְויא קוּמְסְטוּ אַהֶער? אַזוֹי פְּלִיצְלוּנְג, אַזוֹי אוּנְגֶערִיכְט?

— נִיט פְּלוּצִים, רָחֵלֶע, נִיט אוּנְגֶערִיכְט בִּין אִיךְ אַהֶער גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר עֶרְקְלֶערְט. דַיין לִיעבֶּער פָאטֶער, מַיין גֶעטְרַייעֶר פֶעטֶער הָאט מִיר אוּנ מַיין זֵיידֶען זֶעהְר אַ פְרַיינְדְלִיךְ בְּרִיוֶועלֶע גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ גֶעבֶּעטֶען: אִיהְם דָאס פֶערְגְנִיגֶען צוּ מַאכֶען אוּנ קוּמֶען צוּ אַייךְ אוֹיף יוֹם טוֹב. אִין בְּרִיוֶועלֶע הָאט עֶר אֲפִילוּ פוּן דִיר אַפְרַיינְדְלִיךְ גֶערוּס צוּגֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ אִין דַיין נָאמֶען גֶעהֵייסֶען מִיר: דֶערְמַאנֶען זִיךְ אוּנְזֶערֶע אַלְטֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט אוּנ דִיר צוּלִיעבּ טְהוּן אוּנ קוּמֶען.

— אוּנ מִיר הָאט דֶער גוּטֶער פָאטֶער גָאר נִיט גֶעזָאגְט! הָאט זִיא זִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶועזֶן, עֶר וֵוייס וְויא גֶערְן אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעוָואלְט זֶעהְן אוּנ וְוי אִיךְ הָאבּ גֶעבֶּאנְגְט נָאךְ דִיר. וֶועסְטוּ מִיר גְלוֹיבֶּען מֹשֶׁהלֶע? אֵיין מִינוּט פְרִיהֶער אֵיידֶער דוּא בִּיזְט אַרַיינְגֶעקוּמֶען הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ וֶוענֶען דִיר גֶעטְרַאכְט, דוּא וֶועסְט לַאכֶען, אָדֶער פַאר אַנַארֶעלֶע מִיךְ הַאלְטֶען. אַז אִיךְ וֶועל עֶס דִיר עֶרְצֶעהְלֶען; אָבֶּער אִיךְ וְויל פַאר דִיר מִיךְ אַנְדֶערְס נִיט פָארְשְׁטֶעלְן אַלְס אִיךְ בִּין. אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט וֶוענֶען יֶענֶעם הֵיילִיגֶען צְווייגֶען מֹשֶׁה'ן, וָואס הָאט אוּנְז דִיא תּוֹרָה גֶענֶעבֶּען אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען אִיצְט אַסְכָּה מַאכֶען; פוּן זַיין נָאמֶען „מֹשֶׁה", הָאבּ אִיךְ דִיךְ, מַיין שְׁוֶועסְטֶערְקִינְד „מֹשֶׁהלֶע" דֶערְמַאנְט. יַא, וֶוען נוּר אִיךְ הָאבּ אָט דֶעם הֵיילִיגֶען משֶׁה רַבֵּינוּ גֶעוָואלְט אִין גֶעדַאנְקֶען זֶעהְן, הָאט זִיךְ מִיר אִימֶער פָארְגֶעשְׁטֶעלְט דַיין גֶעזִיכְט, אַזוֹי שֶׁאן וְוי אִיךְ זֶעה דִיךְ אִיצְט. שְׁטֶעל דִיר פָאר, וְויא אִיךְ הָאבּ מִיךְ עֶרְשְׁרָאקֶען, אַז אִיךְ הָאבּ נִיט בֶּעמֶערְקְט וְויא דוּא בִּיזְט אַרַיינְגֶעקוּמֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ דִיךְ פְּלוּצִים גֶעזֶעהְן שְׁטֶעהֶענְדִיג נִיט נוּר אִין גֶעדַאנְקֶען, נוּר טַאקֶי גֶעגֶען מַיינֶע אָפֶענֶע אוֹיגֶען! לַאךְ פוּן מִיר, אִיךְ הָאבּ אִין דֶער רֶגַע גֶעמֵיינְט: גָאט הָאט מִיר אַנֵס גֶעטְהוּן אוּנ הָאט מַיינֶע אוֹיגֶען גֶעאֶפֶענְט צוּ זֶעהֶען דֶעם טְהַייעֶרן לֶעהְרֶער אוּנְזֶערְן, דֶעם הֵיילִיגֶען מֹשֶׁה'ן גָאטֶעס קְנֶעכְט. אָבֶּער, וָואס שְׁטֶעהְסְטוּ מִיר דָא? קוּם צוּם פָאטֶער, עֶר אִיז אִין סָאד, דָארְט פּוּצְט עֶר צוּ דִיא

סכה, ניין! בלייב דא א מינוט, איך וועל אליין געהן, איהם זאגען: א יוד פראגט זיך אויף איהם, איך וויל זעהן צו וועט ער דיך ערקענען?

מיט דיא ווארטער איז זיא צום פאטער געלאפען איהם געזאגט: עס פרעגט אויף איהם א יוד וואס דארף איהם נויטהיג האבען, זיא האט אבער איהר פרייד ניט געקאנט בעהאלטען אונ דער פאטער האט אן זיין קינד באלד פערשטאנען ווער עס ווארט אויף איהם; ער האט אבער זיך געמאכט ניט פערשטעהענדיג. איהר דאס פערגניגען וואס זי ערווארט ניט קאלע צו מאכען, אונ איז געגאנגען נאך איהר וויא ניט וויסענדיג ווער דארט ווארט. קוים איז ער אבער אין שטוב אריין, דעם יונגען מענשען דערזעהן, האט ער איהם אין מאמענט ערקענט. נור איהם האט ער זיך איצט ניט פארגעשטעלט וויא משה'לע דאס הדר יונגעל, אבער וויא זיין ברודער ראובן, משה'לעס פאטער; אזוי אהנליך איז ער איצט געוועזן, אז ר' לייזער האט געמיינט זיין געשטארבענער ברודער וועלכען ער האט אזוי הייס געליבט אונ אזוי פיעל געטרויערט אויף זיין יונגען טויט, איז איצט פון קבר אויפגעשטאנען אונ שטעהט דא אלעבעדיגער פאר איהם. טהרערן זענען איהם ארויס פון דיא אויגען אונ אהנע א ווארט צו רעדען האט ער איהם צוגעדריקט צום הערצען אונ איהם הייס געקושט. אויך משה'לען זענען טהרערן אנגעלאפען אין דיא אויגען אונ האט דעם פעטער געקושט וויא א קינד וואס קושט דעם צוריקגעפונענעם פאטער נייגעם נאך צעהן יאהר באנגען אונ זוכען איהם.

פון דער צייט וואס זיין פאטער איז אזוי אונגליקליך פון דער וועלט אוועג, האט משה'לע דעם פעטער אויך ניט געזעהן. דיא מוטער זיינע האט פערקויפט דאס הויז, דיא ווירטשאפט, אונ איז מיט איהם אוועג-געפארן צו איהרע עלטערן, וועלכע זענען צו יענער צייט נאך רייך געוועזן. א יאהר שפעטער האט זי חופה געהאט מיט א צווייטען מאן, משה'לע איז ביי איהרע עלטערן געבליבען; האטש ביי א זיידען אונ באבען, אבער פארט ביי אלטע לייט מיט אלטע קאפריזען. אז דער זיידע האט אנגעהויבען ארונטער צו קומען פון מעמד, האט זיך דאס קינד עלענד געפונען, א פערלאזענער יתום, וואס איז ווייט פון פאטערס קבר אונ זעלבסט צו דער לעבעדיגער מוטער ניט נאהענט. דיא מוטער האט א מאן, מיט דעם מאן האט זיא קינדער וועלכע זענען איהר נאהענטער אלס ער... זויא פלעגט אין איהם דאס הערץ וויינען, וואס ער איז אזוי פליטצלונג אבגעריסען געווארן פון דיא אלע קינדערשע פערגניגען, וואס ער האט דא צווישען פריינד אונ חברים אין זיין געבורטס-שטאדט געהאט! מען האט גאר ביי איהם ניט געפרעגט, איהם אריינגעזעצט אין זעלינ דעם בעל העגלה'ס בויד אונ אוועקגעפיהרט, וויא מען פיהרט אוועק א קאטץ פערבונדען דיא אויגען זיא זאל ניט טרעפען וויא צוריק צו קומען... אנפאנגס האט ער שטארק געבענקט נאך דיא פעטערס, נאך דיא מוהמעס, נאך מעהר נאך רחל'ען מיט וועלכער מען האט איהם ניט געלאזט זיך געזעגענען אפילו. וויא האט ער געוויינט טאג אונ נאכט אז ער פלעגט זי דערמאנען! שרייבען בריוועלעך האט ער נאך ניט געקאנט, ער האט שוין אפילו געלערנט שרייבען אונ דער פעטער ר' שלמה פלעגט זיך חדוש'ן פון זיין האנדשריפט, פון זיינע צוקען אונ פלעגט זאגען: ער וועט זיין א ספרא רבה. אבער ווי דאס שרייבען

צו בענוטצען האט ער נאך ניט געוואוסט, אזוי זענען אריבער יאהרן ביז ער איז געוואהנט געווארן, ביז דיא ערשטע טרייע בריוולעך, פון זיין פעטער ר' לייזערן צו זיין זיידען האבען וויא געוועהנליך אנגעהויבען זעלטענער צו ווערן, אונ דאן, אז ער האט שוין געוואוסט וויא די קונסט פון שרייבען צו בענוטצען, האבען שוין דעם פעטערס בריף אין גאנצען אויפגעהערט אנצוקומען, אונ וואס וועט ער שרייבען? צו וועמען? וואס איז איהם דען דער פעטער מעהר אלס א פעטער? א פעטער וויא אלע פעטערס וואס אינטערעסירט זיך וועגען אייגענע קינדער אונ וועגען, איהם גאר ניט. דאריבער אז ער איז איצט מיט ליעבע צוגעדריקט געוועזן צום פעטערס ברוסט, האט ער א מין ווארעמקייט, טרייהייט אונ זעליגקייט געפיהלט וויא ער וואלט צוריק צו יענע יאהרן געקומען, וואס זיין פעטער איז געוועזן ניט גלייך וויא אלע פעטערס נור א פעטער וואס איז איהם טריי וויא אלייבליכער פאטער.

ביידע האבען זיך אויסגעוויינט אונ דיא טהרערן אבגעווישט. מען האט היילען אנגעזאגט, אונ זיא האט אויך דעם פלימעניק מיט קושען אונ מיט טהרערן בעגעגענט. דיא קליינע קינדער האבען זיך צוגעטולעט צום ליעבען גאסט אונ זענען איהם נאך גע-גאנגען יעדען טריט; נור מעהר פאר אלעמען האט איהר פרייד ארויסגעוויזען די אלטע פיינע דיא קאזין. וויא זיא האט דערהערט וואס פאר א גאסט עס איז געקומען, האט זיא דעם טאפ אויפען קיך געלאזט לויפען אונ איז צריינגעלאפען אין שטוב מיט א שמחה מיט א איימפעט, זיך ניט בעקימערט וואס זיא איז א ביסעל איינגעשמירט אונ איז צו צום גאסט, איהם געקושט מיט פרייד אונ מיט טהרערן. — א דאנק גאט וואס איך זעה דיך, מיין הארץ! האט זיא אויסגערעדט קוים דעם אטהעם אפהאפענדיג פון שמחה, אך, וויא האב איך געבענקט נאך דיר, מיין ליעב קינד! וויפיעל האב איך גאט געבעטען פאר דיין געזונד מיין פויגעלע! איצט דאנק איך איהם אז מיינע אויגען זעהן דיך וויא א שאן בוימעלע, אויסגעוואקסען וויא א גראף, אהן אן עין הרע, אהן א בייז אויג!

— וואס מאכט איהר פיינע? איהר זייט, געביך, אזוי אלט געווארן! האט ער בעדויערט.

— איצט וועל איך יונג ווערן, מיין קינד! געזונד אונ כח קומט מיר צו, אז איך דער לעב נאך צו זעהען וויא מיינע ליעבענקע, וואס איך האב אויף מיינע הענד אויסגעהאדעוועט קומען זיך צוזאמען אונ זענען אזוי געראטהען אז גאט אונ לייט מאגען זיך פרעהען מיט זיי!

— אונ איך האב געמיינט, האט ער מיט א ליבען שמייכעל געזאגט, אז איהר האט נאך אויף מיר א כעס, וואס איך האב אין אייער צעפצעיק אמאל זאמד אנ-געשאטען; געדענקט איהר, אז איהר האט מיך געשלאגען אונ געזאגט: „איך וועל עס דיר אייביג ניט מוחל זיין"? אונ דיא ברילען אייערע אז איך האב צובראכען, אונ דאס איבערקרימען אייך אייער דאוונען? געדענקט איהר וואס פאר א שנאה איהר האט אויף מיר געטראגען?

— וויא ער געדענקט עס אלץ! האט פיינע זיך געוואונדערט, דעם טאטענס קאפ אויף זיך. דיר צולעבענער יאהר, מיין בריליאנט! איך האב דיר שוין אלץ מוחל

געוועזן. אַז דו ביזט פון אונז פּלוצים אָבגעריסען געוואָרן, זייא נזלנים וואָלטען זי צונערויבט. האָב איך מיינע אויגען אויסגעווײנט בענקענדיג נאָך דיר. איך וואָלט שוין דיר גערן געגעבען אפילו מיין שבת'דיגען צעפּציק אַנצושיטען זאַמד, מיר צו טהון דיינע אַלע צולהכעיס'ן, נור דו זאָלסט צוריקקומען און דאָ זיין ביי אונז. איך זאָל דיך זעהן, דו זאָלסט געזונדערהייט עסען וואָס איך קאָך! אָי, מיין קינד, עס פערגעסט זיך אַזוי גיך ניט! איך האָב נאָך דיין טאַטען, אַליכטיגען גן עדן זאָל ער האָבען, אויף מיינע הענט געטראָגען. דיך און רחל'ען האָב איך מיט אַמאָל געטראָגען, דיך אויף דער רעכטער און זיא אויף דער לינקער האַנד. דו ביזט שוין דאַמאָלס דריי יאָהר געוועזען, ביז הונדערט און צוואַנציג, און רחלע איז נאָך אַקינד פון אַ יאָהר געוועזען; מיר האָט געדאַכט דיא גאַנצע צייט וואָס איך האָב ניט געהאָפט דיך אַ מאָל נאָך צוזעהן, אַז דיא רעכטע האַנד איז מיר איבריג. מיר האָסטו געפעהלט, מיין האַרץ האָט דיך געזוכט, זאָל איך מיך ניט פרעהען אַז איך האָב דיך איצט צוריק געפונען? — ר' לייזער האָט אַוועקגעשיקט אַנזאָגען זיין ברודער ר' שלמה'ן. ער מיט דער מוהמען זענען באַלד געקומען; מיט פרישע קושען מיט נייע טהרערען. עס זענען אויך געקומען בעקענטע, שטובּיגע מענשען, "שלום עליכם" געבען. אין זעלבען טאָג האָט שוין גאַנץ שטאָדטעל געוואוסט, אַז עס איז אַראָפּגעקומען ר' ראובן'ס זוהן אַ לייט, אַ עלוי און אַ גרויסער קענער, אַ שאָנער, אַ בילד, אַ וואַהרער מאַנאַרך. אַרומיגע מיידלעך, האָבען זיך אַ אויסרעד געמאַכט: "זיי זענען געקומען עפּיס לייהען, אָדער פרעגען" און האָבען געגנבעט אַ קוק אויף משה'לען, מאַנכע האָט ער ערקענט און זיך פריינדליך נאָכגעפרעגט: "וואָס מאַכט מען"? יענע זענען געוועזן איבער גליקליך. אַלע האָבען רחל'ען מקנא געוועזן אַזאַ גאַסט, אַזאַ שוועסטערקינד...

## ה.

עס איז יום טוב געוואָרן, זמן שמחתנו: פרייד פאַר אונזערע אַלטע לייט וואָס מען איז נאָך יודען און מען קאָן נאָך גאָט'ס געבאָט טהון, פרייד און פערגניגען אויך פאַר אונזערע יונגע קינדער, וואָס וואַרטען און בענקען נאָך אַזאַ יום טוב, ווען מען מאָג אין אַ קליין יודישען שטאָדטעל אָנטהון אַ שאָנעם בגד, אַרויס געהן אַביסעל פריי שפּאַצירען, זיך זעהן מיט דעם וואָס ווילט זיך זעהן און אַליעב וואָרט רעדען מיט דעם וועלכער איז ליעב און אין האַרצען איינגעבאַקען...

רחלע, וועלכע איז אין אַלע היגזיכטען פרייער געוועזן אַלס יעדע אַנדערע יודישע טאָכטער אין קליינשטאָדט, האָט נאָר פריהער ניט געמערקט, אַז זיא איז פריי, קיין לוסט און געלעגענהייט ניט געהאַט דיזע פרייהייט מיט פערגניגען צו בענוטצען, יעטצט איז זיא צופרידען געוועזען וואָס איז יום טוב, וואָס זיא איז פריי פון אַלע שטובּיגע אַרבייט, וואָס איהר פאָטער און מוטער רוהען יעדען נאָך מיטאָג און זיא בלייבט אַליין מיט איהר ליעבען גאַסט און זיי רעדען ביידע, און דערצאָהלען זיך איינאַנדער אַלטע געשיכטען פון יענע יאָהרען ווען דער גוטער קלוגער זיידע האָט נאָך געלעבט, ווען זיי זענען נאָך קינדער געוועזן און ניט פערשטאַנען ווי גוט זיי איז,

וויא גליקליך זיי זענען. משה'לע האט איהר אויסערצאהלט מיט שווערע זיפצען אונ טהרערן. וויא ער האט דורך געלעבט דיא צעהן יאהר וואס זיי האבען זיך ניט געזעהן. ער האט איהר אויך ערקלערט וואס ער האט אין דער צייט געלערנט אונ וועלכע וויסענשאפטען ער האט זיך געקויפט מיט שווערער מיה אונ פלייס; דיזע וויסענ-שאפטען האט ער מיט איהר טהיילען געוואלט אונ איהר ביי יעדער געלעגענהייט פיעל נאטור ערשיינונגען ערקלערט למשל: וואס איז וואלקען אונ וואס איז רעגען. וואס איז אדונער אונ וואס אבליטץ. אונ נאך אזעלכע אלטאגליכע נאטור ערשיינונגען פון וועלכע זיא האט פריהער קיין ריכטיגען בעגריף געהאט. ער האט איהר אלעס קלאר אונ דייטליך ערקלערט אונ זי האט אלעס מיט לוסט אונ נייגירדע אויסגעהערט. איבערגעפראגט דאס וואס איז איהר ניט קלאר געוועזען אונ בעוואונדערט: "וויא ער ווייס אלץ וויא געלערנט אונ וויא קלוג ער איז!" זי האט זיך געפרעהט, וואס ער איז צו איהר אזוי גוט, וואס ער לאכט ניט פון איהר אונוויסענהייט אונ וויל גערן זיא זאל אלעס וויסען וואס ער ווייס. אונ ער איז אין איהרע אויגען אליין האבער אונ פאר-נעהמער געווארן. ביז איצט האט זיא נור קלייניצער יונגע לייט אונ בחורים מושלמים געקענט, אבער וואס ווייסען זיי געגען איהם? קאן דען ווער אזוי שוין רעדען, אזוי פיין ערצעהלען עטוואס וויא ער? זיי ווייסען אפילו ניט אין וואס פאר א קלוגער וועלט אונ שאנער ארדנונג זיי לעבען. זיי זעהן ניט אונ פיהלען ניט וואס פאר זייערע אויגען טהוט זיך; אבער ער? ער ווייס אלעס!...

איהר פאטער פלעגט אפילו אפט פערברענגען מיט איהר גאנצע שעות אונ ערקלערן איהר זיינע געדאנקען אונ וועלט אנשויאונגען; רעדען מיט איהר איבער רעליגיאן אונ זיטען, איבער דער וועלט בכלל אונ איבער מענשליכען לעבען אין איהר בפרט. ליידער איז ער אליין געוועזען פון יענער קלאסע בעהאלטענע משכילים וועלכע האבען זייער בילדונג אונ אויפקלערונג בעקומען פון פילאזאפישע ספרים אונ אלע זיינע חקירות האבען מעהר השערות אין זיך געהאט אלס אמת. מעהר געמיטה-צושטאנד אונ חלומות אלס נוטצליכע וויסענשאפט אונ וועלטליכע ערפאהרונגען וואס דורך דעם איז איהר כאראקטער כמעט צו ווייך געווארן. איהר געפיהל אונ עמפפינד-ליכקייט צופיעל ענטוויקעלט ביז זיא איז אייניגערמאסען טרוימעריש געווארן. פון דער אנדערן זייטע האבען דיזע חקירות זיינע פערעדעלט איהר נאטור אונ אויסגעבילדעט איהר הערץ אונ שכל מיט גוטע מדות. מיט שאנע ערהאבענע געדאנקען אונ זיא האט געקאנט רעדען וועגען הויכע געגענשטאנדע מיט פערנונפט אונ וויסען וויא ניט א מיידעל אין איהרע יאהרן. אויך איהר גלויבען, איהר פערטרויען אין גאט איז רייניגער אונ פעסטער געוועזען אלס ביי יעדער אנדערער אין דעם שטאדטעל. זיא איז שטאלץ געוועזען מיט דעם וואס זיא איז א יודיש קינד אונ גליקליך זיך גערעכענט מיט איהר ריינעם גלויבען אין גאט אונ אין זיין תורה. איצט האט איהר משה'לע צוגעגעבען נייע וויסענשאפטען, אונ נאך אזעלכע וועלכע זענען ניט געגרינדעט אויף השערות אונ נאכדענקען אליין, אבער טאקי אויף פראבען וועלכע איבערצייגען אונ מען איז זיכער אז עס איז אזוי אונ ניט אנדערש אונ זי האט אנגעהויבען זעהן א נייע וועלט. זיא האט זיך געפרעהט וואס דער מענש איז ניט אזוי אהן שכל וויא זיא האט פריהער געמיינט.

אונ קָאן אײנְדְרִינְגֶען זֶעלְבְּסְט אִין דֶער גֶאטְלִיכֶער חָכְמָה מִיט וֶועלְכֶער עֶר עֶרְהַאלְט זַיין וֶועלְטְהַאל. משֶׁהלֶע אִיז אִין אִיהרֶע אױגֶען גְרוֹיס גֶעוָוארן, אַזוֹי גְרוֹיס, כִּמְעַט וִויא יֶענֶער גֶאטְלִיכֶער משֶׁה וֶועלְכֶען זִיא פְּלֶעגְט אִין אִירֶע גֶעדַאנְקֶען זֶעהן, וֶועלְכֶער הָאט גֶעווּיס אַלֶעס גֶעווּאוּסְט אונ גָאט אונ זַיין וֶועלְט בֶּעסֶער פֶערְשְׁטַאנֶען אַלְס אַלֶע אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען. זִיא הָאט משֶׁהלֶעס רֵייד גֶעשְׁלוּנְגֶען אונ גָאר פֶערְגֶעסֶען יֶענֶע נִיט קְלָארֶע גֶעפִיהלֶע וָואס אִיהר הֶערְץ פְּלֶעגְט אַ מָאל פִיהלֶען אַז זִיא פְּלֶעגְט דֶעם זֵיידֶענְס בְּרָכָה דֶערְמַאנֶען; זִיא הָאט אוֹיךְ זִיךְ צוּ שֶׁאמֶען פֶערְגֶעסֶן וֶוען עֶר פְּלֶעגְט אִיהר אַקָאמְפְּלִימֶענְט מַאכֶען אָדֶער אִיהר הַאנְד דְרִיקֶען, וִויא עֶס פְּלֶעגְט גֶעשֶׁעהן אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע צְווֵיי טָאג וָואס עֶר אִיז אִיצְט אַלְס נַאסְט גֶעקוּמֶען. מִיט אֵיינֶעם וָוארְט: זִיא הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט רָחֶלֶע צוּ זַיין, רָחֶלֶע אַמֶאדְכֶען פוּן זִיבְּצֶעהן יָאהר. אונ אוֹיפְגֶעהֶערְט אִיהם אַלְס מַאנְסְפֶּערְשׁוֹין צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען, וָואס עֶס אִיז אֶפְשֶׁר נִיט פַּאסִיג אונ נִיט שֵׁיין מִיט אִיהם אַזוֹי אָפֶענְהֶערְצִיג אונ צוּגֶעלָאזֶען צוּ זַיין. זִיא הָאט נוּר אֵיין זַאךְ גֶעווּאוּסְט: משֶׁהלֶע אִיז גֶעקוּמֶען צוּ לִיעב דֶעם נוּר אִיהר אַ נַייֶע וֶועלְט צוּ ווַייזֶען אונ אִין דֶער וֶועלְט אַלֶעס צוּ עֶרְקְלֶערֶען וָואס זִיא ווֵייס נָאךְ נִיט אונ דָאס וָואס עֶר לֶערְנְט אִיהר אִיז אַזוֹי קְלוּג, אַזוֹי גוּט אונ אַנְגֶענֶעהם צוּ ווִיסֶען, אַז עֶס אִיז וֶוערְטְה אַלֶעס אַנְדֶערֶע צוּ פֶערְגֶעסֶען צוּ לִיעב דֶעם אַלֵיין. אַזוֹי הָאט זִיא אַלֵיין נִיט בֶּעמֶערְקְט וִויא זִיא אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעווַאקְסֶען גֶעוָוארן, ווִי אִיהר גַאנְצֶע זֶעלֶע הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעזֶעטְצְט אִין אִיהם.

דִיא טָאג זֶענֶען לִיכְטִיגֶע, שֶׁאנֶע אונ ווַארֶעמֶע גֶעוֶועזֶען, דִיא זוּנְן הָאט גֶעשַׁיינְט גְלַייךְ ווִיא זִיא וָואלְט אוֹיךְ אַ פְרֶעהְלִיךְ פָּנִים גֶעוָואלְט ווַייזֶען דֶעם לִיעבֶען גַאסְט. וֶועלְכֶער הָאט אִין זַיין לֶעבֶּען אִיהר לִיכְט דָא צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל דֶערְזֶעהן. דִיא עֶרְשְׁטֶע יוֹם טוֹב טֶעג זֶענֶען זֵייא ווִיא אֵיין גְלִיקְלִיכֶע שָׁעָה אַרִיבֶּער. אִין רֶעדֶען, אִין שְׁפַּאצִירֶן אונ אִין אַנְגֶענֶעהמֶע ווֶערְטְלֶען זִיךְ בַּיים טִישׁ אִין סֻכָּה, וואוּ פָאטֶער אונ מוּטֶער אונ גַאסְט הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אונ גֶעטְרוּנְקֶען, גֶעזִינְגֶען אונ גֶעלַאכְט.

דֶער פָאטֶער הָאט עֶס צוּגֶעזֶעהן אונ אִיז צוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶען, אִיהם אַלֵיין זֶענֶען אִיצְט פִיעל זַאכֶען קְלָאר גֶעוָוארן אונ אִיז הָאבְּסְט פֶערְגְנִינְט גֶעוֶועזֶן צוּ זֶעהן ווִיא זַיין רָחֶלֶע פֶערְשְׁטֶעהט אַלֶעס אַזוֹי גוּט ווִיא עֶר אונ זִיא ווִיל אַלְץ ווִיסֶען אונ אַלְץ פֶערְשְׁטֶעהן. אִין זֵייעֶרֶע בֶּענֶעהמוּנְגֶען אֵיינֶע צוּם אַנְדֶערן, הָאט עֶר נִיט גֶעזֶעהן וָואס נִיט בֶּעשֵׁיידֶען אִיז, אָדֶער וָואס ווַייזְט עֶטְווָאס מֶעהר אַלְס אֱמֶת בְּרִידֶערְלִיכֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט אונ אֵיינֶעהְרְלִיכֶע אַכְטוּנְג. עֶר הָאט זֵיי זֵייעֶר פֶערְגְנִיגֶען פֶערְגִינֶען אונ זֵיי גֶעלָאזֶען צוּזַאמֶען זִיטְצֶען, צוּזַאמֶען רֶעדֶען, צוּזַאמֶען גֶעהן, לַאפֶען אונ שְׁטִיפֶען ווִיא אַ בְּרוּדֶער מִיט אַ שְׁוֶועסְטֶער. דֶער מוּטֶער אָבֶּער זֶענֶען גָאר אִין קָאפּ נִיט גֶעקוּמֶען דִיא פוּסְטֶע חֲקִירוֹת זַיינֶע. „וָואצוּ בְּרֶעכְט מֶען גָאר דַארוֹיף דֶעם קָאפּ?" פְּלֶעגְט זִיא פְרֶעגֶען. „וָואצוּ בְּרוֹיךְ מֶען דָאס גָאר ווִיסֶען? וָואס קוּמְט צוּ פוּן דֶעם צוּם גֶעזוּנְד אונ אִין קֶעשֶׁענֶע אַרַיין?" זִיא אִיז פוּן רָחֶלֶעס צוּפִיעל פְרַיינְדְשַׁאפְט צוּ אִיהר קוּזִין נִיט גָאר צוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶן אונ הָאט רָחֶלֶען עֶטְלִיכֶע מָאל אוֹיסְגֶערֶעדְט, וָואס זִיא פֶערְגֶעסְט זִיךְ גָאר אַז זִיא אִיז אַ מֵיידֶעל אונ עֶס פַּאסְט גָאר נִיט דָאס אונ דָאס צוּ רֶעדֶען, יֶענְס אונ יֶענְס צוּ טְהוּן.

אַ מָאל אִיז חַייֶעלֶע אַרַיינְגֶעקוּמֶען פוּן צוּ גַאסְט וואוּ זִיא אִיז גֶעוֶועז אונ הָאט

באלד געלעגענהייט געפונען רחל'ען אויסצורעדען פאר איהרע קינדערשע בענעהמונג? רחלע מיט משהלן זענען נבאדע אין נאסטיגע אויפן ווייכען דיואן געזעסן. ער האט איהר עטוואס פארגעלעזען אונ זיא, אהנע זעלבסט עס צו מערקען, האט איהר האנד געהאלטען אריבערגעלעגט איבער זיין פלייצע. עס קאן זיין, דארט פון נאגען חייעלע איז איצט געקומען האט מען אפשר געלאזט א באז ווארט פאלען וועגען דיא פריינדשאפט פון דיא קינדער אונ חייעלע האט איצט געזעהן, אז יענע זענען אפשר ניט אונגערעכט; זיא האט רחלען אריינגערופען צו זיך אין שלאפציממער אונ האט איהר דארט אנגעהויבען לייענען א נאנצען צעטעל.

— פע, מיין טאכטער, האט זיא געזאגט. וויא קומט עס צו דיר? ביזטו פון זינען אראפ אדער דוא האסט נאר אן חרפה אונ בושה פערגעסען? דו האנגסט זיך דאך אויף איהם... פערגעס ניט, אז דוא ביזט א מאדעל, א כלה; אין דיינע יאהרן האב איך שוין באלד חתונה געהאט. וואס וועלן לייט זאגען? א מיידעל, מיין קינד, טאהר אויף זיך א שטויב ניט לאזען פאלען, א צו הויכער לאך א איבריג ווארט. א קוק אפילו איז שוין א חציפות פון א דערוואקסען מיידעל אין דיינע יאהרן...

— איז מיר דען משהלע א פרעמדער? האט זיא געפרעגט ניט בעגרייפענדיג דאס אונרעכט וואס זיא טהוט, זענען מיר ניט קינדער געוואקסען אונ געצויגען אין איינעם? איז ער מיר ניט א עלטערער ברודער? האטש ניט אברודער פון איין פאטער אונ מוטער אבער פון איין זיידען אונ באבען; אברודער אליעבער וועלכען איך האב צעהן יאהר ניט געזעהן, האטש איך האב געבענקט נאך איהם? ווי זאל איך מיך איצט בעפרעמדען פון איהם אז איך בין אזוי גליקליך איהם ווידערצוזעהן אזוי שאן, אזוי קלוג אונ געלערנט? אדער זאל איך ניט וועלן לערנען פון איהם אלץ וואס ער לערנט מיט מיר אזוי גוט אונ אזוי קלוג?

— אבער איהם ליעב האבען דארפסטו ניט, טאהרסטו ניט!

— ליעבט איהם דען דער פאטער ניט? אדער ליעבסטו איהם אויך ניט? האט זי אונשולדיג געפרעגט, וויא קאן מען איהם ניט ליעב האבען?. אין דיא רייד איז אזוי פיעל אפענהערציגקייט אונ אונשולד געוועזן אז זעלבסט חייעלע האט מעהר ניט געקאנט איהר גוט קינד חושד זיין וואס שלעכטעס הלילה.

— יא, מיין קינד, האט זיא געזאגט, דאס איז טאקי אלץ אמת, איך ליעב טאקי דעם ארעמען יתום וויא מיין איינען קינד, זיין טאטע האט עס געווים ביי מיר פערדינט, א גוטער בעטער זאל ער פאר אונז זיין אין גן עדן, דער שווער, זכר צדיק לברכה האט אויך בודאי געוואלט איך זאל זיין איינינקעל דעם יתוסל א געטרייע מוטער זיין. דאס אלץ, מיין קינד, איז אבער מיר צו וויסען, דיר אבער איז ער ניט אברודער נור א שוועסטערקינד. דער זיידע איז געשטארבען אונ איהר זייט איצט ביידע קיין קינדער ניט מעהר; דוא ביזט א מיידעל, ער א בחור, דעם זיידען אליין וואלט איצט ניט געפאלן אזעלכע נאהענטע פריינדשאפט צווישען אייך. דאס וואס עס איז שאן פיר קינדער איז מאוס פאר ערוואקסענע אונ דאס וואס איז דאמאלס גוט אונ גלייך געוועזען איז אפשר היינט גאר ניט גוט אונ גאר ניט גלייך.... ניט פערגעס: דוא ביזט שוין א מיידעל וואס שטעהט אין שדוכים... אנדערע יאהרען זענען איצט, מאלא וואס

אַ מָאל איז געוועזן! ... די לעצטע ווערטער האָבען רחל'ען זעהר פרעמד געקלונגען. זיא איז צו זיך אין הדר'ל אַריין אונ האָט זיך פאַנאַנדער געוויינט. פאַר וואָס איז איצט אַנדערע יאָהרען?" האָט זיא ביי זיך געפרעגט, פאַר וואָס לעבט דער זיידע ניט? דער ליעבער זיידע, וואָס האָט אונז ביידען אַזוי געליעבט? איך בין אַ מיידעל, זאָגט די מאַמע, וואָס איז מיין זינד? פאַר וואָס טאָהר איך ניט וויסען וואָס ער וויים? איך בין אָלטער געוואָרן? נו, וואָס איז געשעהן אַז איך בין איצט זיבצעהן יאָהר? טאָהר איך מיין שוועסטערקינד ניט מעהר ליעבען ווייל איך בין אַלטער? ניין, איך האָב איהם געמאַנט ליעבען אַלס קינד פאַר זיינע הדר מעשׂות, איך האָב איהם געליעבט אונ ניט געוואוסט פאַר וואָס. מאָג איך איהם איצט אויך ליעבען פאַר זיין פערשטאַנד, פאַר זיין גוטס־קייט מיר אַלעס צו ערקלערן! אונ וויא זאָל איך איהם ניט ליעבען אַז ער איז מיר פאַרט ליעב? זיי האָט אַ צייט געוויינט פאַר זיך אַליין אין איהר צימער. זי האָט איצט דער־מאָנט איהרע קינדערשע יאָהרן, וויא זי פלעגט האַנד אין האַנד מיט משה'לען זיך לאָזען בענטשען פון זיידען אונ דער זיידע איז איהר איצט פאַר די אויגען געשטאַנען מיט זיינע אַלטע האַנד אויף זייערע ביידענס יונגע קעפּעלעך אַריבער געלעגט. זיא האָט אויך זאָ גוט וויא געהערט דיא ווערטער זיינע, בעת ער הויבט זיינע קאַלע אויגען צום הימעל אונ בעט: גאָט זאָל איהם נאָך מזכה זיין, דיזע ליבטיגע בריליאַנטען אויף זיין ווייסען קאָפּ, צו בענטשען אַ מאָל אַלס חתן כלה אונטער זייער חופּה...." יאַ, דער זיידע איז געשטאָרבען האָט זיא צו זיך געזאָגט, אָבער עס לעבען נאָך זיינע גוטע ברכות! זיי לעבען נאָך אין אונזער הערצען, עס געדענקט זיי נאָך אויך מיין פאָטער! וועלכע אַנדערע יאָהרן? ניין אַלעס דאָס זעלבע וואָס געוועזען!

זיא האָט ערשט איצט אַנאַנץ נייעס געפיהל אָנגעהויבען צו עמפּפינדען, משה'לע איז פּלוצלונג פון אַ ברודער אַ אַנדערער געוואָרן, נור אַזעלכער, וואָס איז איהר טהייערער אַלס אַ ברודער, ליעבער אונ נאָהענטער אויך....

שטיל ליגט דער פערזייעטער קאָרן אין דער ערד אַ גאַנצען ווינטער, עס קומט דער פריהלינג. דיא זונן הייבט אָן שיקען איהרע וואַרעמע שטראַהלען אויף דאָס פערזייעטע פעלד אונ דער פערשלאָפענער קאָרן כאַפּט זיך אויף פון זיין דרעמעל אונ הייבט אָן אַרויסשפּראָצען אויסצופיהרען דעם צוועק אונ ווילען פון דעם וואָס האָט איהם פאַר יאָהרן דאָ בעהאַלטען.

ווען דעם זיידענס ווערטער האָבען, אין זייער צייט, ניט געווירקט אויף דיא פריינדשאַפט אונ פערהאַלטניסע פון דיא קינדער אונ זיי פלעגען נאָך דעם וויא פאַר דעם זיך קריגען אונ שלאָגען, דריי מאָל אין טאָג ברוגז ווערן אונ ווידער שלום מאַכען, זענען זיי אָבער גאָר לאבוד ניט געגאַנגען. ערגעץ אין אַ בעהאַלטען ווינקעל פון זייערע יונגע הערצלעך האָבען דיא טרייע ווערטער אַ אָרט געפונען וואו זייא האָבען געשלומערט אונ געשלאָפען גאַנצע צעהן יאָהר צייט, וויא יעדער ביי פערזייעטער קאָרן ביז די זונן שיינט אַרויס אונ דער פריהלינג קומט...

רחל'עס פריהלינג וואָלט נאָך אָבער אַזוי גיך ניט געקומען ווען דיא איינענע מוטער וואָלט אויף איהר קינדס הערצען ניט אָנגעקלאַפּט אויפצוועקען וואָס דאָרט

איז נאָך ניט וואַך געווען. דאס יונג קינד האָט נאָך ביז איצט אַליין ניט געוואוסט. וואס איז איהר משה׳לע? וואס פאַר אַ נאָמען האָט די פריינדשאַפט און צוגעטהוועניקייט איהרע צו איהם? זיא האָט גאָר קיין אַנדער פריינדשאַפט אַלס ברידערליכע ניט געקענט, יעטצט האָט דיא מוטער איהר צו פערשטעהן געגעבען: אַז זיא איז אַ ערוואַקסען מיידעל". עס זענען אַנדערע יאָהרן, זיא שטעהט שוין אין שדוכים, אַהויכער לאָך, אַ קוק אַ איבריגער איז אויך אַ חציפת, און רחלע האָט ערשט אָנגעהויבען פערשטעהן און פיהלען וואס זיא האָט ביז איצט נאָך קיינמאָל געפיהלט. איהר געמיטה איז שווער געוואָרן, טהרערן האָבען זיך גרינג און שטיל געגאָסען און זי האָט ניט געוואוסט פאַר וואס וויינט זי? וואס איז מיט איהר געשעהען? ... משה׳לע האָט גע־וואָרט און אַז ער האָט געזעהן זי קומט פון איהר חדר ניט אַרויס איז ער צום פעטער ר׳ שלמה׳ן אַוועקגעגאַנגען און דאָרט אויך אויף איהר אומזיסט אַנאַנצען טאָג געוואַרט רחלע איז היינטינסמאָל איהר וואָרט ניט טריי געבליבען און ניט געקומען. אַז דער פאָטער האָט זיין ליעב קינד אַזוינענדע אין איהר צימער געפונען און געפרעגט די אורזאַכע פון איהרע טהרערן האָט זי איהם אַ הערוץ געזאָגט: דער קאָפּ טהוט איהר וועה, זיין טריי הערץ אָבער האָט איהם געזאָגט אַז נור אין הערצען טיף ביי איהר איז די קוועלע איצט פון אַזעלכע טהרערן. ער האָט אין דער מינוט ניט געוואָלט איינדרינגען אין איהר און האָט זיא רוהיג געלאָזען אַליין. דאס איז דאס ערשטע מאָל אין איהר לעבען געווען וואס רחלע האָט איהרע ווירקליכע ליידען פון דעם טרייען פאָטער פער־לייקענט און ער האָט איהר מוחל געווען. חאָטש זיא האָט זיך בעאונרוהיגט אַגאַנצען טאָג וואס משה׳לע איז נאָך אַזוי שפּעט צוריק ניטאָ, פונדעסטוועגען וואָלט זיא גערן געווען מיט איהם אוינ אויף אוינ זיך היינט ניט צו טרעפען; עס איז איהר געווען ווי ביי איהר אויפען שטערן וואָלט אַלץ אָנגעשריבען געווען וואס דיא מוטער האָט מיט איהר גערעדט. וואס זיא אַליין האָט איצט מיט איהר הערצען גערעדט און וויא גיט שאָן איז דאס אַז ער זאָל כאָלד פון אַלץ געוואָהר ווערן!.. און אַזוי איז זיא אין אַ פערלעגענהייט געבליבען אַז ער איז ענדליך אַהיים געקומען; קוים האָט זיא איהם אין טהיר דערזעהן איז זי אין איהר צימערל אַריינגעלאָפען און נאָך דעם זיא האָט דאס געזיכט און די אויגען גוט אויסגעוואַשען און זיך אָנגעקוקט אין שפּיגעל איז זיא צו איהם אַרויס געקומען. זעהר בעשיידען און מיט אַ שאָמעדיגען טאָן האָט זיא איהם גע־גריסט אָבער מעהר אַ וואָרט ניט גערעדט.

— פאַר וואס ביזטו ניט געקומען, רחלע? האָט ער געפרעגט. מיר האָבען דאָך אָבגערעדט דוא זאָלסט דאָרט אויך זיין, דער פעטער האָט געוואַרט אויף דיר און דיא מוהמע איז שוין ברוגז געוואָרן.

— איך האָב ניט געקאָנט, איך בין ניט געזונד געווען היינט! האָט זיא שטאַמ־לענדיג אַרויסגערעדט, און האָט זיך פאַרשאַמט, פאַר דיא ליגען וואס זיא זאָגט איהם. ער האָט אויף איהר אַ אונרוהיגען קוק געטהון און געפרעגט: און איצט ביזטו שוין געזונד?

— געזונד! האָט זיא מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגען געענטפערט.

— זעה זשע געזונד צו זיין, האָט ער געזאָגט מיט אַ ליבען שמייכעל. איך האָב

פַיינְדְט אַז מֶען אִיז נִיט גֶעזוּנְד, ווִילְסְטוּ אִיךְ זָאל דִיךְ לִיעבּ הָאבֶּען מוּזְטוּ נוּר גֶעזוּנְד זַיין! זִיא הָאט אִיהם לִיעבּ אוּנ רִיהרֶענְד אָנְגֶעקוּקְט, אַזֶעלְכֶע אוֹיגֶען הָאט עֶר אִין אִיהר בִּיז אִיצְט נָאךְ קֵיינְמָאל בֶּעמֶערְקְט.

וָואס שְׁוַוייגְסְטוּ? הָאט עֶר פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט. ווִילְסְט דוּא מִיר דֶעם אֶמֶת נִיט זָאגֶען?

– הָאבּ מִיךְ פַיינְט, מֹשֶׁה'לֶע הָאט זִיא ווִיא מִיט אַפֶערְשְׁטִיקְטֶען אָטְהֶעם אוֹיסְגֶערֶעדְט, אִיךְ בִּין נָאךְ אִיצְט אוֹיךְ נִיט גֶעזוּנְד, פֶערְצַייהֶע מִיר. אִיךְ מוּז צוּרִיק אִין מַיין צִימֶער אַרֵיין. אַגוּטֶע נַאכְט, מֹשֶׁה'לֶע! אוּנ נִיט רֶעדֶענְדִיג ווַייטֶער אַ וָוארְט אִיז זִיא צוּרִיק אִין אִיהר צִימֶער אַרֵיין, דָארְט הָאט זִיא ווַייטֶער גֶעוויינְט:

דִיא אַלְטֶע פֵּייגֶע אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אוּנ ווִיא הָאט זִיא זִיךְ עֶרְשְׁרָאקֶען אַז זִיא הָאט אִיהר רָחֶלֶען אַזוֹי אִין טְהְרֶערן אוֹיסְגֶעווייקְט גֶעפוּנֶען, זִי הָאט בַּאלְד אִיהר הַאנְד אוֹיף רָחֶל'עס קָאפּ אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אוּנ אָבְּגֶעשְׁפְּרָאכֶען אַ עַיִן הָרָע. עֶס הָאט אָבֶּער נִיט גֶעהָאלְפֶען, רָחֶלֶע הָאט נִיט גֶעקָאנְט צוּ זִיךְ קוּמֶען אוּנ אוֹיפְהֶערן ווֵיינֶען.

– מִיר פַאר דַיין קָאפּ, מַיין לִיעבּ קִינְד! הָאט דִיא אַלְטֶע גֶעזָאגְט, זָאג מִיר נוּר וָואס אִיז דִיר?

– לָאזְט מִיךְ אַלֵיין, לִיעבֶּע פֵּייגֶע, הָאט רָחֶלֶע גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ ווֵייס אַלֵיין נִיט וָואס מִיר אִיז, לָאזְט מִיךְ זִיךְ אוֹיסְווֵיינֶען אֶפְשֶׁר וֶועט מִיר גְרִינְגֶער ווֶערן.

– נֵיין, מַיין הַארְץ, הָאט פֵּייגֶע גֶעאֶנְטְפֶערְט, אִיךְ ווֶעל פוּן דַיין חֶדֶר נִיט אַרוֹיס בִּיז דוּא וֶועסְט מִיר זָאגֶען וָואס דוּא ווֵיינְסְט! אוּמְזִיסְט ווֵיינְט זִיךְ נִיט, דוּא מָאגְסְט פֵּייגֶען אַלְץ דֶערְצֶעהְלֶען, אִיךְ הָאבּ אַסַךְ מָאל דַיין ווֵיינֶען אַיינְגֶעשְׁטִילְט אוּנ דַיין הֶערְצֶעלֶע בֶּערוּהִיגְט, בְּעֵת דוּא בִּיזְט אַקִינְד גֶעוֶועזֶען אוּנ כָּל זְמַן אִיךְ לֶעבּ בַּארְף מַיין לִיעבּ קִינְד נִיט ווֵיינֶען אִיךְ זָאל נִיט ווִיסֶען פַאר וָואס!

– אִיךְ ווֵייס נִיט, פֵּייגֶע, הָאט רָחֶלֶע ווִידֶער גֶעאֶנְטְפֶערְט, גְלוֹיבְּט מִיר, אִיךְ ווֵייס אַלֵיין נִיט וָואס מִיט מִיר אִיז הַיינְט גֶעוָוארן, אִיךְ בַּארְף צוּפְרִידֶען אוּנ פְרֶעהלִיךְ זַיין אוּנ מִיר גִיסֶען זִיךְ דִיא טְהְרֶערֶען. אִיךְ ווֵייס נִיט וָואס אִיךְ ווִיל, מִיר ווִילְט זִיךְ דָא אַלֵיין זַיין, אַלֵיין דָא ווֵיינֶען, קֵיינֶער, אֲפִילוּ דֶער לִיבֶּער פָאטֶער זָאל מַיינֶע טְהְרֶערֶן נִיט זֶעהְן, אוּנ מִיר ווִילְט זִיךְ אוֹיךְ אַייךְ נִיט אַוֶועק לָאזֶען. אָ, מִיר אִיז אַזוֹי גוּט אַז אִיהר זִיטְצְט נֶעבֶּען מִיר, קוּקְט נוּר נִיט אַזוֹי אוֹיף מִיר, טְהוּט מִיר צוּ לִיעבּ, פֵּייגֶע, אוּנ פֶערְלֶעשְׁט דִיא לִיכְט.

– פֵּייגֶע הָאט דִיא לִיכְט פֶערְלָאשֶׁען, זִיךְ אוֹיף אִיהר בֶּעט אַוֶועקְגֶעזֶעטְצְט אוּנ מִיט אַלֶער טְרַייהַייט גֶעזוּכְט רָחֶלֶען צוּ בֶּערוּהִיגֶען. זִיא הָאט אִיהר עֶרְצֶעהְלְט אַלְטֶע גֶעשִׁיכְטֶען, ווִיא זִיא, פֵּייגֶע, אִיז אַיְתוֹמָה פוּן זֶעכְצֶען יָאהר אָנְגֶעקוּמֶען דִינֶען צוּם זֵיידֶען עָלָיו הַשָּׁלוֹם, בְּעֵת עֶר אִיז נָאךְ נָאר אַ יוּנְגֶערְמַאן גֶעוֶועזֶען. ווִיא גוּט אִיז מִיר בַּיי אִיהם גֶעוֶועזֶען! בַּיי לַייטֶען אִיז מֶען צוּ אַקִינְד נִיט אַזוֹי גֶעטְרַייא", הָאט זִיא עֶרְצֶעהְלְט, "דְרַייא יָאהר הָאבּ אִיךְ גֶעדִינְט, דֶערְנָאךְ הָאט דֶער זֵיידֶע מִיר נַדָן גֶעגֶעבֶּען אוּנ מִיר הַתּוּנָה גֶעמַאכְט; נוּר אִיךְ בִּין גֶעבּוֹירֶען אִין אַ בֶּאזֶען מַזָל אוּנ מַיין מַאן הָאט מִיר דָאס לֶעבֶּען פֶערְבִּיטֶערְט, זָאל קֵיין יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער פוּן אַזֶעלְכֶע צָרוֹת נִיט ווִיסֶען ווֶעלְכֶע אִיךְ הָאבּ גֶעלִיטֶען אִין מַיין צוּזאַמֶענְזַיין מִיט מֵיינֶעם! אִיךְ הָאבּ אַלְץ גֶעשְׁטִיקְט אִין

זִיךְ אוּנ קֵיינֶעם נִיט עֶרְצֶעהלְט, אָבֶּער וֶוענְט הָאבֶּען אוֹיהֶערן אוּנ לַייט הָאבֶּען אוֹיגֶען, עֶס אִיז צוּם זֵיידֶען, עָלָיו הַשָּׁלוֹם, אָנְגֶעקוּמֶען מַיין פִינְסְטֶערֶע מַעֲרָכָה. עֶר הָאט בַּאלְד גְלֵייךְ אוּנְז גֶעשִׁיקְט, מִיךְ הָאט עֶר אוֹיסְגֶעזִידֶעלְט פַאר וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהם בִּיז אִיצְט נִיט עֶרְצֶעהלְט פוּן אַלֶין, אוּנ וִויא הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעקֶאנְט עֶרְצֶעהלֶן! אִיהם הָאט עֶר מְקָרֵב גֶעוֶועזֶן מִיט גוּטֶע רֵייד, אִיהם עֶרְקְלֶערְט וִוי נִיט גוּט אוּנ וִויא נִיט שֵׁיין עֶס אִיז פַאר אַ יוּדֶען שְׁלָאגֶען אַ וַוייבּ; אַז עֶר הָאט אָבֶּער אִין עֶטְלִיכֶע וָואכֶען אַרוּם גֶעזֶעהן אַז עֶס נִיטָא מִיט וֶועמֶען צוּ רֶעדֶען אוּנ קֵיין שָׁלוֹם צְווִישֶׁען אוּנְז קָאן נִיט זַיין הָאט עֶר אִיהם הוּנְדֶערְט דוּקָאטֶען גֶעבָּאטֶען עֶר זָאל גֶעבֶּען אַ גֵט מִיט זַיין גוּטֶען ווִילֶען. נוּר מַיינֶער הָאט נִיט גֶעוָואלְט אוּנ הָאט דֶעם זֵיידֶען מֵעִיז גֶעוֶועזֶן אוּנ גֶעזָאגְט, עֶר הָאט פַאר אִיהם קֵיין מוֹרָא נִיט, אוּנ אַז מֶען וֶועט אִיהם עֶפִּיס טְהוּן וֶועט עֶר אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט, עֶר וֶועט מַסֶרן. דֶער זֵיידֶע הָאט אִיהם אָנְגֶעפַּאטְשְׁט אוּנ גֶעהֵייסֶען גֶעהן מַסֶרן, פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען פְלֶעגְט עֶר אַרַיינְשִׁיקֶען אוֹיף שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב מֶעהל אוּנ פְלֵיישׁ, מַיינֶעם מְקָרֵב זַיין, מָאמִיר וֶועט דָאס הֶעלְפֶען; אָבֶּער אַבִּיטֶערֶע קְרוּיט קָאן מֶען נִיט זִיס מַאכֶען, אִיהם הָאט גָאר נִיט גֶעהָאלְפֶען! אֲפִילוּ אַז דֶער זֵיידֶע הָאט אִיהם אַ שְׁטֶעלֶע גֶעגֶעבֶּען אִין זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען הָאט עֶר אַמָאל צוּגֶענוּמֶען עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל אוּנ אִיז גָאר פֶערְפַאלֶען גֶעוָוארן. זֶעכְצֶעהן יָאהר הָאבּ אִיךְ פוּן אִיהם נִיט גֶעוואוּסְט אוּנ נִיט גֶעהֶערְט, אִיךְ בִּין צוּם זֵיידֶען צוּרִיק אָנְגֶעקוּמֶען. דָא הָאבּ אִיךְ גֶעלֶעבְּט אִין נַחַת אוּנ אִין גְדוּלָה, דִיא שְׁטוּבּ אִיז שְׁטֶענְדִיג פוֹל גֶעוֶועזֶען מִיט תּוֹרָה אוּנ מִיט חָכְמָה, מִיךְ הָאבֶּען אַלֶע לִיעבּ גֶעהַאט וִויא אִיךְ וָואלְט גָאר קֵיין דִינְסְט גֶעוֶועזֶען, נוּר אַ אֵייגֶענֶע אִין שְׁטוּבּ. דֶער פֶעטֶער שְׁלמה אִיז נָאךְ דַאמָאלְס אַ בֶּן יָחִיד גֶעוֶועזֶן, שׁוֹין אַ יוּנְגֶעל פוּן צֶעהן יָאהר; אִיךְ פְלֶעג אִיהם אִין חֵדֶר פִיהרן, אִיךְ פְלֶעג אִיהם עֶסֶען גֶעבֶּען, בַּיי מִיר פְלֶעגְט עֶר זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען, אַז עֶר פְלֶעגְט עֶפֶּעס אַ חֵטְא פֶערְשְׁטִיפֶען אוּנ מֶען פְלֶעגְט אִיהם ווֶעלן שְׁמַייסֶען, אַלֶין אִיךְ; דִיא בָּאבֶּע, אַ גוּטֶע בֶּעטֶערן זָאל זִיא זַיין, אִיז גֶעוֶועזֶן אַ בֵּייזֶע יוּדֶענֶע, אַבִּיסֶעל כַּאהָאזֶע אוֹיף דַיין מַאמֶען. אִיהרֶע יָאהרן זָאל זִיא אוֹיסְלֶעבֶּען, זִיא פְלֶעגְט מִיךְ אָנְשֶׁעלְטֶען מַאקִי אוּנ שְׁרַייעֶן, אַז אִיךְ פִיהר דָאס קִינְד אִיבֶּער, אָבֶּער אִיךְ פְלֶעג מַיינְס אוֹיסְפִיהרן אוּנ נִיט לָאזֶען אַ פִינְגֶער אַרוֹיפְלֶעגֶען אוֹיף דֶעם צִיטְרִיגֶען בֶּן יָחִיד'ל. דֶערְנָאךְ הָאט גָאט גֶעהָאלְפֶען דִיא בָּאבֶּע הָאט גֶעהַאט נָאךְ אַ יוּנְגֶעל אוּנ דָאס אִיז גֶעוֶועזֶן, ר' רְאוּבֵן, אַ לִיכְטִיגֶען גַן עֵדֶן זָאל עֶר הָאבֶּען, משֶׁה'לֶעס טַאטֶע, אִיהם צוּ לֶענְגֶער יָאהר, וָואס דָאס אִיז גֶעוֶועזֶן פַאר אַ לוּיכְטִיג קִינְד! מֶעפְלֶעגְט אִיהם מוּזֶען בֶּעהַאלְטֶען פוּן אַ בֶּאז אוֹיג, אוֹיף מַיינֶע הֶאנְד אִיז עֶר אוֹיסְגֶעהָאדִיוֶועט גֶעוָוארן; נִיט בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועזֶן אִיהם גֶעבּוּךְ, דֶערְלֶעבֶּען דֶעם נַחַת אָנְצוּקוּקֶען זַיין בְּרִילְיַאנְט קִינְד, משֶׁה'לֶען, וָואס עֶר אִיז אִיצְט פוּנְקְט דֶער טַאטֶע, נוּר מִיט מֶעהר יָאהרן, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! אִין פִינְף יָאהר אַרוּם עֶרְשְׁט אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארן דַיין טַאטֶע, דֶער מֶעזִינִיק; אוֹיף אִיהם הָאבֶּען אַלֶע גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז גֶערָאטְהֶען פוּנְקְט אִין פָאטֶער, זַיינֶע אוֹיגֶען, זַיינֶע בְּרֶעמֶען אוּנ דֶער זֵיידֶע הָאט אִיהם לִיעבּ גֶעהַאט וִויא יַעֲקֹב אָבִינוּ הָאט לִיעבּ גֶעהַאט זַיין גֶערָאטְהֶען קִינְד יוֹסֵףְ'ן. אוֹיךְ אִיהם הָאבּ אִיךְ אוֹיף מַיינֶע הֶאנְד גֶעטְרָאגֶען, נֶאכְט נִיט גֶעשְׁלָאפֶען אוּנ אִיהם אָפְּגֶעהִיט ווִי דָאס אוֹיג פוּן מַיין קָאפּ. צוּ זַיין בַּר מִצְוָה, הָאט מִיר דֶער זֵיידֶע אַ שָׁאנֶע

מַתָּנָה גֶעשָׁאנְקֶען אַ שְׁנוּר רויטֶע קַארֶעלֶען מִיט אַנָאלְדֶערְנֶעם אֵייבֶּעל וָואס אִיךְ הָאבּ נָאךְ בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג אוּנ וָואס אִיךְ וֶועל נָאךְ, אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם, אָנְטהוּן אוֹיף דַיין חַתוּנָה. מַיין לִיעבּ קִינְד, אַזוֹי וִוי אִיךְ הָאבּ עֶס אָנְגֶעטהוּן אוֹיף דַיין טַאטֶענְס חַתוּנָה. דֶערְנָאךְ אִיז פְּלִיטְצְלוּנְג מַיין מַאן אַרָאבּגֶעקוּמֶען, שׁוֹין נוּט אוּנ פְּרוּם, עֶר הָאט דֶעם זֵיידֶען מְחִילָה גֶעבֶּעטֶען אוּנ עֶר הָאט אִיהם מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער צוּ דֶער חָאלֶערַא גִיט אִיצְט גֶעדַאכְט, אִיז עֶר קְרַאנְק גֶעוָוארֶן אוּנ אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ נָאךְ צַייט גֶעהַאט צוּ דִינְגֶען אַ דִירָה מִיט אִיהם אִין שָׁלוֹם צוּ לֶעבֶּען אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען. אַזוֹי מַיין קִינְד הָאבּ אִיךְ מַיין נַארִישׁ וֶועלְטֶעל פֶּערְבְּרַאכְט; הָאט זִיא מִיט טְהרֶערֶן גֶעעֶנְדִיגְט אִיהר גֶעשִׁיכְטֶע; זֶעכְצֶען יָאהר בִּין אִיךְ אַ פִינְסְטֶערֶע עֲגוּנָה גֶעוֶועסֶן אוּנ בִּין דֶערְנָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען אַ אַלְמָנָה בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג. צוּ גָאט קֵיין טַעֲנוֹת הָאבּ אִיךְ נִיט, מִיר אִיז גוּט גֶעוֶועזֶען! אַ סַךְ בֶּעסֶערֶע אוּנ פַיינֶערֶע פַאר מִיר הָאבֶּען מִיר מְקַנֵא גֶעוֶועזֶן; אַלְץ הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט אִין מַיין הַאנְד, דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען מִיךְ לִיעבּ גֶעהַאט. פְרֶעג בַּיי דַיין טַאטֶען לֶעבֶּען זָאל עֶר, עֶר הָאט אָהן מִיר נִיט עֶסֶען אוּנ נִיט טְרִינְקֶען גֶעקָאנְט, אֲפִילוּ אַז צוּ תְּנָאִים הָאט דִיא בָּאבֶּע עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם מִיךְ גֶעוָואלְט לָאזֶען אִין דֶערְהֵיים הָאט עֶר גֶעוָואגְט: אָהן פֵּייגֶען גֶעה אִיךְ נִיט! אוּנ וֶוער הָאט דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאפּ צוּבְּרָאכֶען אוֹיף דַיין תְּנָאִים? אַלְץ פֵּייגֶע! בַּיי מִיר לִיגְט שׁוֹין צוּגֶעגְרֵייט אַ טָאפּ אַ שְׁפִּיגֶעל נַייֶער, וָואס אִיךְ וֶועל אִיהם, אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם, אִין גִיכֶען צוּבְּרֶעכֶען אוֹיף דַיין תְּנָאִים מִיט דַיין אֶמֶת'ן בֶּעשֶׁערְטֶען, וֶועלְכֶען אִיךְ זֶעה אַזוֹי לוֹיכְטֶען וִויא דֶער לִיכְטִיגֶער מָארְגֶען שְׁטֶערְן, וָואס דַיין טְהַייֶערֶער קְלוּגֶער זֵיידֶע הָאט אִיהם נָאךְ דַאמָאלְס בֶּעשְׁטִימְט בְּעֵת אִיהר בֵּיידֶע זַייט נָאךְ קִינְדֶער גֶעוֶועזֶן. זַיין זְכוּת, מַיין לִיעבּ קִינְד, זָאל אַייךְ בַּיישְׁטֶעהֶן עֶס זָאל טַאקִי אַזוֹי זַיין וִויא אִיךְ וִוינְשׁ אַייךְ! ... בַּיי דִיא רֵייד אִיז אִיהר רָחֶל'ע אוֹיפֶען הַאלְז גֶעפַאלֶען אוּנ נִיט פִיהלֶענְדִיג וָואס זִיא טְהוּט הָאט זִיא דִי אַלְטֶע גֶעקוּשְׁט מִיט טְהרֶערֶן אוּנ אָהן וֶוערְטֶער, אָהן רֵייד אִיהר סוֹד אִיהר אוֹיסְגֶעזָאגְט.

דִיא אַלְטֶע אָבֶּער הָאט טְרַייֶער וִויא אַ אֵיינֶענֶע מוּטֶער דָאס קִינְדס הֶערְץ גֶעפִיהלְט אוּנ זִיא הָאט גֶעלַאכְט פוּן אִיהר וָואס זִיא וֵויינְט. דֶער זֵיידֶע הָאט גֶעוִויס אַגְרוֹיסֶען זְכוּת אִין הִימֶעל, הָאט זִיא פֶערְזִיכֶערְט, אוּנ וֶועט מִסְתָּמָא מֵגִין זַיין עֶס זָאל אַלֶעס זִיךְ אַזוֹי אוֹיסְלָאזְען נָאךְ זַיין טוֹידְט וִוי עֶר הָאט זִיךְ אִין זַיין לֶעבֶּען גֶעוואוּנְשֶׁען.

דִיא רֵייד הָאבֶּען רָחֶלֶ'ען בֶּערוּהִיגְט, זִיא אִיז מִיד מִיט אַ גְרִינְגֶען גֶעמִיטְה עֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען. דִיא אַלְטֶע אִיז אוֹיף דִיא שְׁפִּיטְצֶען פִינְגֶער אַרוֹיס פוּן צִימֶער אוּנ הָאט דִיא נַאכְט גָאט גֶעבֶּעטֶען, עֶר זָאל זַיין גוּטֶען מַלְאָךְ פוּן זִיסֶען שְׁלָאף אִיהר לִיעבּ קִינְד צוּשִׁיקֶען. עֶר זָאל אַ רְפוּאָה בְּרֶענְגֶען אִין אִיהרֶע גְלִידֶער, זִיא זָאל זִיךְ אוֹיסרוּהֶען אוּנ אוֹיפְשְׁטֶעהְן פְרִישׁ אוּנ גֶעזוּנְד, קֵיין דַאֲגָה אוּנ קֵיין פַּיין מֶעהר אִין אִיהר יוּנְגֶען הֶערְצֶען נִיט צוּלָאזֶען.

דִיא אַנְדֶערֶע טָאג יוֹם טוֹב זֶענֶען דִיא קִינְדֶער גֶעלַאדֶען גֶעוֶועזֶן בַּיי דֶעם פֶעטֶער ר׳ שְׁלֹמה'ן אוּנ מִיט זֵיי זֶענֶען, הָאט'ס נִיט גֶעבֶּעטֶענְערְהֵייט, מִיטְגֶענַאנְגֶען דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער, דָארְט הָאבֶּען זֵיי שְׁמִינִי עֲצֶרֶת, זֶעהר גוּט צוּגֶעבְּרַאכְט. דֶער פֶעטֶער מִיט דֶער מוּהמֶען הָאבֶּען זֵייעֶר צוּפְרִידֶענְהַייט אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אוּנ דֶערְצֶאהלְט, אַז מֹשֶׁה'לֶע אִיז שׁוֹין אַ צוּגֶעשְׁרִיבֶּענֶער צוּ אִיהם אוּנ עֶר וֶועט, נָאךְ הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר.

זַייעֶר אֵיינְצִיגֶער יוֹרֵשׁ בְּלַייבֶּען. קֵיין קִינְדֶער הָאבֶּען דִי צְוֵויי נִיט גֶעהַאט. אַז רָחֶלֶ'ע הָאט אִין אַשְׁפַּאס גֶעפְרֶעגְט: אוּנ מִיר פֶעטֶער לָאזְט אִיהר גָאר נִישְׁט? הָאט עֶר גֶעעֶנְטְ־פֶערְט: דִיר מַיין קִינְד, לָאז אִיךְ אַלְץ! אִיךְ לָאז דִיר אַזַא אוֹצָר, אַזַא בְּרִילְיַאנְט וָואס אִיךְ קָאן אִיהם נִיט אָבְּקוֹיפֶען מִיט צְוַואנְצִיג אֵייגֶענְס אַזֶעלְכֶע וִויא מַיינֶע! ... רָחֶלֶ'ע הָאט אוֹיף דֶעם ווֹאוּנְק נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ הָאט גֶעפְרֶעגְט: וואוּ הָאט אִיהר, פֶעטֶער, אַזַא בְּרִילְיַאנְט? דִיא מוּהמֶע הָאט אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף אִיהר מִיט אַ שְׁמֵייכֶעלֶע, וִויא אֵיינֶער זָאגְט: אַי, אִיז זִיא נָאךְ אַ אַיינְפֶאלְטִיגְ צִיגֶעלֶע, אִין אִיהרֶע יָאהרֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ אוֹיף אַזַא ווֹאוּנְק בַּאלְד גֶעטְרָאפֶען וָואס מֶען מֵיינְט.״

— דֶעם בְּרִילְיַאנְט, מַיין טָאכְטֶער, הָאט דֶער אַלְטֶער פֶעטֶערְלִיךְ עֶרְקְלֶערְט. הָאבּ אִיךְ מִיט דַיין טַאטֶען בִּירוּשָׁה בֶּעקוּמֶען, פוּן אוּנְזֶער לִיבֶּען בְּרוּדֶער, רְאוּבֵן עָלָיו הַשָּׁלוֹם, משֶׁה'לֶעס גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם טַאטֶען, אַייךְ צוּ לֶענְגֶער יָאהר. אִיךְ מִיט דַיין טַאטֶען זֶענֶען גְלַייכֶע יוֹרְשִׁים אוֹיף אִיהם; וָואלְט אִיךְ גֶעהַאט אִיצְט אַזַא שֵׁאן טָאכְטֶערְ'ל לְמָשָׁל: וִויא דוּא, וָואלְט אִיךְ מִיט דַיין טַאטֶען דֶעם בְּרִילְיַאנְט גָאר נִיט גֶעקָאנְט טְהֵיילֶען זִיךְ; אוּנ הָאטְשׁ עֶר אִיז רַייכֶער פַאר מִיר וָואלְט אִיךְ אִיהם אַרוֹיסְגֶעצָאהלְט אוּנ דֶעם בְּרִילְיַאנְט פַאר מַיין קִינְד בֶּעהַאלְטֶען, אִיצְט אָבֶּער אַז דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם הָאט מִיךְ מִיט אֵייגֶענֶע קִינְדֶער נִיט גֶעוִוירְדִיגְט, בִּיזְטוּ אוֹיךְ מַיין קִינְד אוּנ אִיךְ שֶׁענְק מַיין חֵלֶק דִיר, מַיין טָאכְטֶער, מִיט מַיין גַאנְצֶען הֶערְצֶען; נוּר נִיט דַוְקָא נָאךְ מַיין טוֹידְט עֶרְשְׁט, אָבֶּער טַאקִי שׁוֹין, אִיךְ בְּרוֹיךְ נוּר מִיט דַיין טַאטֶען זָאל לֶעבֶּען, אִיבֶּערְרֶעדֶען מִכֹּחַ דֶעם. פֶערְשְׁטֶעהְסְטוּ שׁוֹין וָואס אִיךְ מֵיין דֶערְמִיט?

רָחֶלֶע הָאט נִיט גֶעקֶאנְט אֶנְטְפֶערְן, זִיא הָאט נוּר אִיהרֶע שֶׁאנֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף דֶעם גוּטֶען פֶעטֶער אוּנ זֵיי בַּאלְד צוּרִיק אַרָאבְּגֶעלָאזֶען. צְוֵויי שֶׁאנֶע רוֹיזֶען הָאבֶּען אוֹיף אִיהרֶע בַּאקֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִיהֶען, קֵיין שֶׁאנֶערְן דַאנְק הָאט זִיא נִיט גֶעקֶאנְט אִיהם זָאגֶען אוּנ קֵיין בֶּעסֶערְן הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט פֶערְלַאנְגְט.

— זַייט נוּר פְרוּמֶע עֶהרְלִיכֶע קִינְדֶער, הָאט עֶר אוֹיסְגֶערֶעדְט מִיט אַ בֶּעוֶועגְטֶער שְׁטִימֶע, גֶעהט אִין גָאטֶעס וֶועגֶען, אִין דִיא וֶועגֶען וָואס מַיינֶע אוּנ אַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען! גֶעדֶענְקְט, נוּר דֶענְסְטְמָאל וֶועט דֶער בְּרִילְיַאנְט לַייכְטֶען אוּנ שֶׁאן זַיין ... קוּקְט אַייךְ צוּ צוּ דֶער מוּהמֶעס בְּרִילְיַאנְטֶענֶע אוֹיהְרִינְגְלִיךְ, זֶעהט, זֵיי הָאבֶּען אִין זִיךְ קֵיין אֵייגֶענֶע לִיכְטִיגְקֵייט נִיט, זֵיי הָאבֶּען נוּר דִיא סְגוּלָה אַרַיינְצוּנֶעהמֶען דָאס לִיכְט וָואס שַׁיינְט גֶעגֶען זֵיי אוּנ עֶס אָבְּשְׁטְרַאהלֶען צוּרִיק; דַארִיבֶּער זֶענֶען זֵיי שֶׁאן נוּר כָּל זְמַן זֵיי זֶענֶען נָאהֶענְט פוּן לִיכְט. אַזוֹי, מַיינֶע לִיעֶבֶּע קִינְדֶער, אִיז דֶער מֶענְשׁ: כָּל זְמַן עֶר לֶעבְּט אִיז עֶר אַגַאנְץ שֶׁאן בֶּעשֶׁאפֶּענֶעס, עֶס זֶענֶען דָא מֶענְשֶׁען וָואס אִיז מַמָּשׁ אַ מְחַיֶּה אִין זֵייעֶר לִיכְטִיג פָּנִים אַ קוּק צוּ טְהוּן, נֶעהמְט אָבֶּער צוּ דֶער בּוֹרֵא אָדָם, דֶער בֶּעשֶׁאפֶער זַיין לִיכְט, אִיךְ מֵיין: דִיא נְשָׁמָה, וָואס אִיז אַ לִיכְט אִין אוּנְז, וִויא אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט: נֵר ה' נִשְׁמַת אָדָם, גָאטֶעס לִיכְט אִיז דִיא נְשָׁמָה פוּן מֶענְשֶׁען, וָואס וֶוערְט דַאן פוּן אִיהם? פָּנָה זִיווֹ אָבְּגֶעטְהוּן זַיין גְלַאנְץ, פָּנָה הוֹדוֹ אָבְּגֶעטְהוּן זַיין שֶׁאנְקַייט אוּנ פָּנָה הֲדָרוֹ אַרָאפּ דִיא גַאנְצֶע פְּרַאכְט זַיינֶע! גְרִין אוּנ גֶעל וֶוערְט דֶער גוּף, אַשְׁטִיק צוּפוֹילְטֶער הוֹמֶר! משֶׁה'לֶע, דִיךְ מַיין אִיךְ עֶס, דוּא בִּיזְט מַיין בְּרִילְיַאנְט! גֶעה נוּר אִין גָאטֶעס וֶועגֶען, אִין דִיא וֶועגֶען פוּן דֶער לִיכְטִיגֶער תּוֹרָה אוּנְזֶערֶע, חָכְמַת אָדָם

תָּאִיר פָּנִים, נור דיא חָכְמָה, דיא אֶמֶת'ע חָכְמָה, אונזער הייליגע תּוֹרָה זָאל לַייכְטֶען אויף דיין געזיכט! זַיי אונז שְׁטֶאנְדִיג אַזוֹי גוּט אוּנ אַזוֹי פְרוּם וְוִיא אִיצְט! זַיי אוּנ אַ בְּרִילְיַאנְט אִין דֶער לִיכְטִיגְקֵייט, זַיי אוּנז אַ אֶבֶן יְקָרָה, אַ טְהַייעֶרֶער שְׁטֵיין: אַ צִיעֶרוּנְג פַאר אוּנזֶער מִשְׁפָּחָה אוּנ פַאר אוּנזֶער פָאלְק! דוּא קָאנְסְט עֶס זַיין, וֶוען דוּא וֶועסְט זִיךְ אַזוֹי וַוייטֶער פִיהרֶן וְוִיא בִּיז אִיצְט. פוּן דַיין וִוילֶען אִיז תָּלוּי, אַז מַיין מַתָּנָה וָואס אִיךְ שֶׁענְק אִיצְט דַיין שְׁוֶועסְטֶער קִינְד רָחֵל'ען, זָאל זַיין אַ טְהַייעֶרֶע לִיעבֶּע מַתָּנָה; וֶועסְטוּ אָבֶער, אַל תִּפְתַּח פֶּה לְשָׂטָן, אַוֶועקלָאזֶען דֶעם וֶועג וָואס אִיז לִיכְטִיג אוּנ גֶעהן אִין אַוֶועג פוּן פִינְסְטֶערְנִיס: אַוֶועקלָאזֶען דִי הַייליגֶע תּוֹרָה אוּנ אַרַיינְטְהוּן דַיין קָאפּ אִין פוּסְטֶע לִמּוּדִים, וֶועסְטוּ גֶעגְלִיכֶען זַיין צוּ אַ פְּרָאסְט שְׁטֵיינְדֶעל, צוּ אַ אֶבֶן אֹפֶל, צוּ אַ שְׁטֵיין וָואס לִיגְט אִין דֶער פִינְסְטֶער, וָואס עֶר אִיז אַ אֶבֶן נֶגֶף רַחֲמָנָא לִצְלָן, אַ שְׁטֵיין וָואס מֶע פַאלְט אִיבֶּער אִיהם! וָוארוּם אַזוֹי אִיז דֶער שְׁטֵיינֶער פוּן אַפִּיקוֹרְסוּת: צוּ זַיין אַ חוֹטֵא וּמַחֲטִיא אֶת הָרַבִּים, וֶועה וֶועט חָלִילָה, בַּאמָאלְס זַיין צוּ מִיר, וָואס אִיךְ גִיבּ דִיךְ פַאר אַ שֶׁאנֶעם בְּרִילְיַאנְט אוּנ נָאךְ מֵ"הר וֶועה וֶועט חָלִילָה זַיין צוּ דֶעם לִיעבּ קִינְד וָואס וִויל דִיךְ פַאר אַ צִיעֶרוּנְג הָאבֶּען! אַךְ, מַיין קִינְד, מַיין בְּרִילְיַאנְט!...

טְהרֶערְן זֶענֶען וְוִיא אַ שְׁטְרָאם אִיהם אַנְגֶעקוּמֶען אוּנ אֵיידֶער זַיי הָאבֶּען דֶעם וֶועג גֶעפוּנֶען דוּרְךְ זַיינֶע אוֹיגֶען זִיךְ אוֹיסְצוּגִיסֶען הָאבֶּען זַיי אִיהם דֶעם הַאלְז פֶערְוָוארְגֶען, עֶר הָאט זִיךְ פֶערְחְלִינֶעט אוּנ וַוייטֶער אַ וָוארְט נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְרֶעדֶען. דִיא קִינְדֶער זֶענֶען זֶעהר גֶערִיהרְט גֶעוֶועזֶן אוּנ קֵיין וֶוערְטֶער גֶעפוּנֶען אִיהם צוּ בֶּערוּהִיגֶען. עֶנְדְלִיךְ הָאבֶּען זִיךְ דִיא טְהרֶערְן פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען אִיבֶּער זַיין וַוייסֶען בָּארְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוֹיקְלֶען אֵיינֶע נָאךְ דִיא אַנְדֶערֶע, מְשֶׁהְלֶע אִיז אִיהם אוֹיפֶן הַאלְז גֶעפַאלֶען אוּנ מִיט אַבֶּעדְרִיקְטֶער שְׁטִימֶע אוֹיסְגֶערֶעדְט:

— נִיט וַויינְט פֶעטֶער, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, נִיט וַויינְט! צוּ גָאט הָאפֶּע אִיךְ, בִּיז מַיין טוֹידְט נוּר אִין זַיינֶע וֶועגֶען צוּ גֶעהן, אִין דִי לִיכְטִיגֶע וֶועגֶען פוּן תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה אִיהם בֶּעט אִיךְ מִיר מַיין וֶועג צוּ לַייכְטֶען בִּיז צוּם אֱמֶת צוּקוּמֶען! וְוִיא בֶּן עַזַּאי זָאג אִיךְ: נַפְשִׁי חָשְׁקָה בַּתּוֹרָה, לֶערְנֶען וִויל אִיךְ, לֶערְנֶען תּוֹרָה, לֶערְנֶען חָכְמוֹת אוּם צוּפֶערְשְׁטֶעהן דִיא תּוֹרָה.

— זַיי, מַיין זוּהן וְוִיא בֶּן עַזַּאי אָבֶּער נִיט וְוִיא בֶּן אֲבוּיָה! הָאט דֶער פֶעטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט, נִיט וְוִיא אַחֵר: וִויל נִיט צוּפִיעל וִויסֶען. שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ אִיז גֶעוִוים דֶער גְרֶעסְטֶער חָכָם גֶעוֶועזֶן, קוּים אָבֶּער הָאט עֶר זִיךְ גֶעוָואלְט קְלִיגֶען אוּנ דֶערְגֶעהן אוּנ טְהוּן דִיא מִצְוֹת פוּן דֶער תּוֹרָה נָאךְ זַייעֶר טַעַם, הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד טוֹעֶה גֶעוֶועזֶן. וָואס טוֹיג דִיר הוֹיכֶע אוּנ טִיפֶע חֲקִירוֹת? זַיי אַ פְרוּמֶער יוּד, אַ יוּד אָהן קוּנְצֶען! פְרֶעג קֵיין שְׁאֵלוֹת נִיט אוּנ זוּךְ קֵיין תֵּרוּצִים נִיט! וַוייס: מִיר זֶענֶען יוּדֶען מַאֲמִינִים; גֶעוַואלְד, אֱמוּנָה! וְוִיא טְהַייעֶר זִי אִיז צוּם גוּף אוּנ וְוִיא גֶעזוּנְד אוּנ גוּט אִיז זִי צוּ דֶער נְשָׁמָה!... לֶערְנֶען מָאנְסְטוּ וֶוען דַיין הֶערְץ בֶּעגֶעהרְט אוּנ דַיין קָאפּ פֶערְגֶעהְט, אָבֶּער וָואס וֶועניגֶער טְרַאכְטֶען אוּנ וָואס מֶעהר אֱמוּנָה! אַזוֹי אַז דוּא וֶועסְט טְהוּן, הָאבּ אִיךְ גָאר קֵיין מוֹרָא פַאר דַיינֶע חֲקִירוֹת, אַדְרַבָּה, מֶען דַארְף וִויסֶען. אוּנזֶערֶע חֲכָמִים ז"ל זָאגֶען אוֹיךְ: דֶער וָואס הָאט דִיא יְכוֹלֶת צוּ קֶענֶען אוֹיסְרֶעכֶענֶען דֶעם גַאנְג פוּן דִיא שְׁטֶערְן אִין הִימֶעל אוּנ רֶעכֶענְט נִיט, זָאגְט אוֹיף אִיהם דֶער פָּסוּק: אוּנ נָאטֶעס

ווירקונג קוקען זיי ניט אונ דיא אַרבּייט פוּן זייַנע הענד האָבּען זיי נאָך ניט געזעהן. עס ליגט אַגרויסער שׂכל אונ אַ טיפע חכמה אין דעם וואס דיא הקדמונים רופען עס אַן „טבע“, „נאַטור“. וואויל צו דעם מענשען וואס בּמוּט צו זיין קאפּ דאס אַליין צו דערלערנען, דאס אַליין צו בּעגרייפען אונ האט פוּנדעסטוועגען גאט אין האַרצען אונ געדענקט אַז דאס אַליין קוּמט פוּן איהם, אַז ער איז דער מקור פוּן אַלע חכמות אונ אָהן איהם איז גאָר נישט! בּעוונותינו הרבּים, זעהן מיר אָבּער אין היינטיגען דור ניט אַזוי, בּאַלד וויא זיי הייבּען אָן צו לערנען חכמות פערגעסען זיי דעם בּעשאפער דורך זיינע בּעשאפעניסען. זיי פערגעסען, אַז גאט האט דיא טבע בּעשאפען אונ דיא טבע אָהן גאט איז גאָר נישט; אַט פאַר וואס מיין זוהן, איך האב זעהר מורא, מאמער לענקסטו צופיעל דיין קאפּ אויף די חכמות איידער דיא ריינע אמונה אין גאט, איז נאָך איינגעוואָרצעלט געוואָרן בּיי דיר אין דיין יונגען האַרצען? נאָך צו פריה פאַר דיינע כּחות אין דיא פערדרעהטע וועגען צו געהן, וואס מען קאָן אין זיי גרינג פערבּלאָנזעט ווערען! על כּן וויל איך, אַז דער עיקר דיינער זאָל זיין דיא הייליגע תּורה אונ אַ ביסעלע, גאָר אַבּיסעלע, זאָג איך דיר, זאָלסטו מעגען זיין אין דיא חקירות — אַט וועסטו מיר זיין אַ אמת'ר בּריליאַנט וואס לייכט פוּן נאַטעם ליכט וויא דיא זון אין הימעל. וויא אין פּסוק שטעהט: כּי נר מצוה ותורה אור: דיא מצות זענען געגליכען צו אַ ליכט, וואס בּעלייכט יעדען אין זיין שטוב; אָבּער דיא תּורה אַליין איז געגליכען צו דאס גרויסע ליכט מיט וואס גאט בּרוך הוא בּעלייכט אונ בּעשיינט זיין גאַנצע וועלט. אַז דוא וועסט דיא מצות היטען וועלן זיי דיר ליכטיג מאַכען אין דיין שטוב אונ דוא וועסט לעבּען אין דיין הויז אין פריעדען, אין נחת, אַז דוא וועסט לערנען דיא תּורה וועסטו זיין אַ ליכט פאַר דער וועלט אונ פוּן דיר וועלן הנאה האבּען לאַנד אונ לייט. געדענק דיין אַלטען פאטער'ס רייד, איך רעד צו דיר איצט וויא דיין אייגענער פאָטער, וועלכער שטימסטו געווים אַזוי פוּן זיין הייליגער רוהע אין גן עדן! אַ קאפּ האָסטו אַ גוטען, לערן מיין זוהן, אונ זיי אונז אַ ליכט אונ אַ בּריליאַנט זאָלסטו זיין דיין אמת'ר בּעשערטער וואס וועט זיך מיט דיר ציערען!...

משה'לע האט זיין פעטערס האנד געקושט אונ איז געוועזן האָבּסט צופריעדען צו הערן אַזוינס פוּן דעם אַלטען מאַן וועלכען ער האט שטאַנדיג בּעטראַכט פאַר אַ חסיד גאָר אָהן שׂכל. דעננאָך האט ער אַ אינערליכע וועהטיג געפיהלט: בּיי איהם אין הערצען איז עטוואס בּעהאַלטען געוועזען וואס דעם פעטערס ווערטער האבּען איהם נור שמערצען אונ פּיין געמאַכט. די מוהמע האט צו שרייען אָנגעהויבּען: — דוא פערמוטשעסט דיא קינדער! זיי זענען צו דיר צוגאַסט געקוּמען זיך פרעהען מיט דיר אונ דוּ האָסט זיי מיט דיינע מוסר צו טהרערן געבּראַכט; זיי וועלן נאָך צייט האָבּען צו הערן מוסר, דוא וועסט זיך נאָך אויסרעדען. משה'לע ענטלויפט נאָך ניט פוּן אונז!

— דוא בּיזט אַ יודענע! האט ער זיך אָנגעבּאַזערט. איך רעד קיין נאַריסקייט ניט, פערשטעהסטו מיך!

טהייערע מוהמע, האט רחל'ע געזאָגט, דעם פעטערס רייד צו הערן איז דער בּעסטער כּבוד פאַר אונז. איך בּין אַזוי צופרידען וואס איך האב אַזא קלוגען אונ געטרייען פעטער. איך האלט וועלן גאַנצע טאָג זיטצען אונ הערען זיינע רייד!

— פונדעסטוועגן, מיין טאכטער, איז צו אלץ א צייט, האט דיא מוהמע ערקלערט, א צייט צו רעדען, א צייט צו הערן, אויך א צייט פרעהליך צו זיין, זיך לוסטיג צו מאכען; צו ליעב וואס האב איך אנגעגרייט גוטע זאכען פאר אייך? איהר זאלט זאט זיין מיט זיינע רייד אפשר? לאז אויף אנדערש מאל, שלמה, הערסטו וואס איך זאג דיר? אדער ווילסטו מיך אויך צו טהרערן ברענגען און היינט וועט ניט זיין ערב שמחת תורה אבער תשעה באב!

— נו, נו, באזער זיך נור ניט, האט ר' שלמה נאכגעגעבן, גיב אקארשט פון דיא גוטע זאכען וואס דוא האסט אנגעגרייט צו ליעב אונזערע טהייערע געסט! גיב אהער, לאזען זיי עסען און טרינקען געזונדערהייט און ניט זאגען אז זייער מוהמע קאן קיין גוטע גאסט ניט אויפנעהמען.

די מוהמע האט דערלאנגט פון כל טוב, און האט געקוואלען קוקענדיג ווי איהרע גאסט געניסען. ר' שלמה האט אבער מעהר געטרונקען אלס געגעסן. משה'לע האט אויך געטרונקען, ער איז אויפגעלעגטער געווארן, פרעהליכער אבער ניט שכור. דער פעטער האט געשריען: צו הקפות איז ביי מיר שוין א חזקה צו קומען אין שול א פרעהליכער. איך בין ניט ביי זיך א אנגעבלאזענער מתנגד, איינמאל אין יאהר, מאג א יוד שכור זיין! און ער האט ווייטער געטרונקען, געקושט דיא קינדער, געוויינט און געזונגען, שישו ושמחו!.. דיא מוהמע האט געזאגט: ער איז גאר א באבע, ער קאן ניט טרינקען וויא לייט.

אביסעל שפעטער זענען געקומען חברה לייט, פיהרן ר' שלמה'ן אונטער א חופה אין שול ווייל ער איז דער גבאי געוועזען פון חברה קדישא און אין שטוב איז געווארן שמחה ששון.



ו.

שמחת תורה ביי טאג האט בערעלע שפאק, געזאגט צו דער אלטער פייגען: ווייסט איהר פייגע, וואס איך וועל אייך זאגען? אז איך זאל ניט מורא האבען, וואלט איך אריינגעגאנגען צו ר' לייזערן און איהם זאגען, אז איך וויל ביי איהם א שדכן זיין פאר זיין רחל'ען. ווייסט איהר מיט וועמען? טאקי מיט דעם פלימעניק זיינעם, משה'לען, ווייל וויא עס קומט אויס נאך מיין פראסטען שכל, קאן גאר קיין גלייכערע זאך אין דער וועלט ניט זיין; ער איז א וואוילער בחור, ער האט היינט געלייענט מפטיר, א מחיה, אזעלכע עברי, פערל, זאג איך אייך! היינט דער נגון, די פארלעך מיט דעם טונח רביעי ווי זיי פלעגען זיך ביי איהם ארויסדרעהען, קיילעכדיגע געטאקטע, ווי אגעשמירט ראדעלע וואס דרעהט זיך אזוי לייכט אז מען דארף גאר קיין בייטש אין האנד ניט האלטען; אמת, ר' שלמה האט ביז דריי הונדערט גילדיין אריינגעשטייגט פאר דעם מפטיר, אבער בנאמנות שוואר איך אייך, אז אזא מפטיר לייענען איז א מציאה טויזענד גילדיין, טאקי בעת מעשה איז מיר איינגעפאלען. אט וועט איך וואלט ניט געוועזען אזא שפילער שמייסער, וואס מיר פאסט ניט אזא לייטישען יודען, ווי אונזער בעל הבית איז א עצה צו געבען, וואלט איך איהם זאגען: ר' לייזער, איהר זייט

אַ מֵבִין אוֹיף דֶעם מַפְטִיר ? טָא קוֹיפְט אַייךְ אַ קְרוֹין אוֹיף אַייֶער קָאפּ אוּנ לָאזְט דֶעם טְתַייֶערן אֶבֶן טוֹב נִיט אַרוֹיס פוּן אַייֶער שְׁטוּבּ בִּיז עֶר זָאל וֶוערן אַייֶער שֶׁאן טֶאכְטֶערְלס חָתָן. פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר ר׳ לֵייזֶער, וָואלְט אִיךְ זָאגֶען, נִיט אוּמֶעטוּם וואוּ מֶען פְלַאנְצְט נָאקְסְט אַזַא בְּלִימֶעלֶע אַרוֹיס וִויא אַייֶער קִינְד, לֶעבֶּען זָאל זִיא, אוּנ נִיט אוּמֶעטוּם וואוּ מֶען זוּכְט גֶעפִינְט מֶען אַזַא פֶּערְל, אַזַא זַיידֶען קִינְד וִויא אַייֶער פְלִימֶענִיק אִיז! אוּנ אַבֶּערֶעלֶע שְׁפַּאק, דַאכְט זִיךְ, אַ גְרָאבֶּער יוּנְג, אַ שְׁמַייסֶער אִיז אוֹיךְ אַ מֵבִין וָואס נוּט אִיז, אוֹיף נֶאֱמָנוּת אַ מֵבִין!

דִי אַלְטֶע הָאט זִיךְ גֶעפְרֶעגֶעלְט הֶארְנְדִיג אִיהר נַחַת אוּנ הָאט בֶּערֶעלֶען גֶעאֶנְטְפֶערְט: קוּק אוּנ שְׁוַויג, מִסְתָּמָא אִיז אוּנְזֶער בַּעַל הַבַּיִת, לֶעבֶּען זָאל עֶר, אַזַא מֵבִין וִויא דוּא, אַ שְׁדוּךְ אִיז אַ נָאט זַאךְ, בֶּערֶעלֶע! זִי הָאט אִיהם פוּנְדֶעסְטְווֶעגֶען בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען אַ גְלָאז וויין בְּרָכָה צוּ מַאכֶען אוּנ אַנְגֶעפִילְטֶע הֶאלְזֶעל פוּן צִימֶעס צוּ פֶערְבַּייסֶען.

— לְחַיִים, פֵייגֶע, הָאט בֶּערֶעלֶע צוּגֶעוואוּנְשֶׁען, גָאט זָאל גֶעבֶּען אִיךְ זָאל אַייךְ לְחַיִים זָאגֶען טַאקִי אַז מִיר וֶועלן טְרִינְקֶען אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ אִין גִיכֶען מַזָל טוֹב זָאגֶען אוֹיף זֵייעֶר תְּנָאִים!

— לְחַיִים, פוּן אַייֶער מוֹיל אִין גָאטְס אוֹיעֶרן! הָאט דִיא אַלְטֶע גֶעאֶנְטְפֶערְט מָלֵא שִׂמְחָה אוּנ הָאט אִיהם אָנְגֶענָאסֶען נָאךְ אַ כּוֹסֶה אוּנ גֶעגֶעבֶּען וִוידֶער פֶערְבַּייסֶען אַ שְׁטִיק גֶעפִילֶעכְץ אוּנ גֶעהֵייסֶען אִיהם טְרִינְקֶען אוּנ עֶסֶען גֶעזוּנְדֶערְהֵייט, אַזוֹי צוּפְרִידֶען אִיז זִיא גֶעוֶועזֶן וִוי דָא וָואלְט דִי רֶעדֶע גֶעוֶועזֶן וֶועגֶען גְלִיק פוּן אֵייגֶענֶע קִינְדֶער אָדֶער אֵיינִיקְלֶעךְ אִיהרֶע. זִיא וָואלְט פַאר אַזֶעלְכֶע לִיעבֶּע רֵייד הַיינְט אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען זֶעלְבְּסְט דִיא נְשָׁמָה אִיהרֶע אוּנ הָאט בֶּערֶעלֶען נָאךְ אַמָאל אוּנ נָאךְ אַמָאל גֶעגֶעבֶּען צוּטְרִינְקֶען אוּנ צוּ פֶערְבַּייסֶען. בִּיז עֶר אִיז שִׁכּוֹר גֶעוָוארן אוּנ הָאט דָא גֶעטַאנְצְט אוּנ גֶעזוּנְגֶען. דִיא אִיבְּרִיגֶע מֶענְשֶׁען אִין קִיךְ הָאבֶּען אִיהם גֶעוָואלְט אַרְשְׁעוּת אָבְּטְהוּן, נוּר פֵייגֶע הָאט נִיט צוּגֶעלָאזֶען.

„נִישְׁקָשָׁה! הָאט זִיא גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גַאנְץ שֶׁאן אַז אַ יוּד שִׁכּוֹרְט זִיךְ אָן שִׂמְחַת תּוֹרָה, „אַלֶע פּוֹיאַנִיצֶעס זֶענֶען שִׂמְחַת תּוֹרָה נִיכְטֶערן“, חָאטְשׁ בֶּערֶעלֶע הָאט דִיא תּוֹרָה אַגַאנְץ יָאהר נִיט גֶעלֶערְנְט מָאג עֶר אוֹיךְ פְרֶעהלִיךְ זַיין, עֶס לֶערְנֶען פַאר אִיהם גְלִיקְלִיכֶערֶע מֶענְשֶׁען, אַז עֶר וָואלְט קָאנֶען וָואלְט עֶר אֶפְשָׁר אוֹיךְ לֶערְנֶען“! אוּנ בֶּערֶעלֶע הָאט אַלְץ גֶעטַאנְצְט אוּנ גֶעזוּנְגֶען בִּיז עֶר אִיז הֵייזְרִיג גֶעוָוארן זִינְגֶענְדִיג אוּנ אִיז גֶעפַאלְן אוֹיפְ׳ן בַּאנְק אוּנ שְׁטַארְק עֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארן. אוּנ אִין שְׁטוּבּ בַּיי ר׳ לֵייזֶערן הָאט מֶען אוֹיךְ גֶעטַאנְצְט, אוֹיךְ גֶעזוּנְגֶען אוּנ דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער הָאבֶּען גֶעטַאנְצְט מִיט דִיא גְרוֹיסֶע, אָרֶעמֶע הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען זֵייעֶר אָרֶעמְקַייט אוּנ רַייכֶע הָאבֶּען אַ הַאנְד גֶעגֶעבֶּען דִיא נִיט רַייכֶע. אַלֶעס הָאט זִיךְ צוּמִישְׁט אוּנ גֶעדְרֶעהט אִין רֶאדֶעל. חַייֶעלֶע הָאט נַחַת גֶעקְלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרָכוֹת פוּן דִיא שִׁכּוֹר׳ע חֲסִידִים וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן: „אוּנְזֶער חַייֶעלֶע!“ „חַייֶעלֶע דִי חֲסִידָה, לֶעבֶּען זָאל זִיא, מִיט אִיהר מַאן, מִיט אִיהרֶע קִינְדֶער!“ אוּנ מֶען הָאט גְלֶאזֶער, טֶעלֶער, שְׁטוּהלֶען אוּנ בֶּאנְקְלֶעךְ גֶעבְּרָאכֶען, נַיין הָאט זִיךְ וִויא וַואסֶער גֶעגָאסֶען. עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען שִׂמְחַת תּוֹרָה. ר׳ שְׁלֹמה אִיז הַיינְט חָתָן תּוֹרָה אוּנ ר׳ לֵייזֶער אִיז חָתָן בְּרֵאשִׁית גֶעוֶועזֶען, וִויא דִיא חֲתָנִים הָאט מֶען זֵיי „מִי שֶׁבֵּרַךְ׳ס“ גֶעמַאכְט אוּנ זֵיי הָאבֶּען מְנַדֵר גֶעוֶועזֶן: גֵר לְמָאוֹר, לִיכְט צוּ לֵייכְטֶען אִין בֵּית

הַמְּדְרָשׁ פַאר דיא וָואס לֶערְנֶען דיא תּוֹרָה אַגַאנְץ יָאהר, יַיִן לְקִדּוּשׁ וּלְהַבְדָּלָה, וַויין זוּ קִדּוּשׁ אוּנ הַבְדָּלָה צוּ מַאכֶען אִין אַ מָקוֹם קָדוֹשׁ. מוֹצִיא צוּ זַיין דיא אָרֶעמֶע לַייט וָואס הָאבֶּען עֶס אִין זֵייעֶר אָרֶעמֶען הֵיים נִיט, וְלֶחֶם לָאֶבְיוֹנִים אוּנ בְּרוֹיט פִיר בֶּעדִירְפְטִינֶע גֶעבִּיך. וָואס וָואלְטֶען זָאנְסְט הוּנְגֶער דַארְפֶען לַיידֶען; אוֹיךְ שִׁיךְ אוּנ הֶעמְדֶער פַאר אָרֶעמֶע יְתוֹמִים וָואס לֶערְנֶען אִין דֶער תַּלְמוּד תּוֹרָה. זֵיי זֶענֶען צוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶען וָואס גָאט הָאט זֵיי גֶעהָאלְפֶען אַזֶעלְכֶע דְרָשָׁה גֶעשַׁאנְק צוּ שֶׁענְקֶען אוֹיף זֵייעֶר חַתוּנָה מִיט דֶער לִיעבֶּער טְהַייעֶרֶער כַּלָּה, אוּנְזֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה! אַלֶע יוּדֶען זֶענֶען אִיצְט זֵייעֶרֶע מְחוּתָּנִים גֶעוֶועזֶען. אַלֶע הָאבֶען מִיר אִין דֶער תּוֹרָה אַ חֵלֶק, זִיא קָאסְט אוּנְז אַלֶעמֶען גֶענוּג בְּלוּט אוּנ טְהְרֶערֶן, זִיא אִיז אוּנְז לִיעבּ, אוּנ וֶועט אוּנְז לִיעבּ זַיין, לִיעבּ וִויא אַ כַּלָּה וָואס הָאט קֵיין מוּם אִין זִיךְ!

אַזוֹי הָאבֶען זִיךְ דֶעם גַאנְצֶען טָאג דָא מְשַׂמֵּחַ גֶעוֶועזֶען, גֶעבֶּעטֶענֶע אוּנ נִיט גֶעבֶּעטֶענֶע גֶאסְט; שִׂמְחַת תּוֹרָה אִיז קֵיינֶער נִיט מַקְפִּיד אוּנ קֵיינֶער אִיז עֶרְגֶעץ נִיט אִיבְּרִיג. דֶער פֶעטֶער ר׳ שְׁלֹמה הָאט דוּרְכְאוֹיס פֶערְלַאנְגְט, אַז מֹשֶׁה׳לֶע זָאל זָאגֶען אַ דְרָשָׁה לִכְבוֹד דיא פֶעטֶערְס, לִכְבוֹד דיא מוּהמֶעס, לִכְבוֹד אַלֶע גֶעסְט, לִכְבוֹד דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה אוּנ דֶעם פְרֶעהלִיכֶען טָאג; וִויא נִיט צוּגֶעגְרֵייט עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אוּנ וִויא אוֹיךְ אִיהם הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט זָאגֶען פַאר אַתַּאלְבּ שִׁכּוֹר׳ן: עוֹלָם, הָאט עֶר פָארְט גֶעמוּזְט צוּלִיעבּ טְהוּן אוּנ הָאט אַ דְרָשָׁה גֶעזָאגְט. אַלֶע הָאבֶען אִיהם פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ מֶען הָאט אִיהם דְרַיי מָאל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן „חֲזַק!" עֶס הָאט דיא דְרָשָׁה אוֹיךְ רָחֶלֶע פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ אַלֵיין נִיט גֶעפִיהלְט, וִויא אִיהרֶע לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעוֶועגְט, בְּעֵת מֹשֶׁה׳לֶע הָאט אַזוֹי שֵׁאן גֶערֶעדְט; זִיא הָאט מִיטְגֶערֶעדְט, מִיטְגֶעפִיהלְט, אוּנ אַזוֹי אִיז זִיא נָאר אָהן וַויין אוּנ אָהנֶע בֶּערוֹישֶׁענְדֶע גֶעטְרַאנְק בֶּערוֹישְׁט אוּנ בֶּעטְרוּנְקֶען גֶעוָוארֶן פוּן אַהִימֶעלִישֶׁער זֶעלִיגְקֵייט דֶעם גַאנְצֶען טָאג בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט.

אַז דיא גֶעסְט זֶענֶען זִיךְ פַאנַאנְדֶער גֶעגַאנְגֶען, טְהֵייל אַלֵיין זִיךְ וִוינֶענְדִיג אוּנ טְהֵייל אוּנְטֶער דיא הֶענְד זִיךְ פִיהרֶענְדִיג אוּנ שְׁלֶעפֶּענְדִיג, הָאט רָחֶלֶע נָאךְ דָאס גְלִיק גֶעהַאט אַפָּאר וֶוערְטֶער מִיט מֹשֶׁה׳לֶען צוּ רֶעדֶען: זִיא הָאט אִיהם אַ גוּטֶע נַאכְט גֶעזָאגְט. אַ לִיעבֶען קוּק גֶעשָׁאנְקֶען אוּנ אִיז אַ צוּפְרִידֶענֶע, אַ גְלִיקְלִיכֶע אָהנֶע גְרֶענְצֶען אוֹיף אִיהר בֶּעט אַ מִידֶע גֶעפַאלֶען. שְׁטִיל אוּנ רוּהִיג אֶענְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶן, אוּנ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אַ פְרִישֶׁע, אַגֶעזוּנְטֶע אוּנ אַ מוּנְטֶערֶע וֶוען דיא זוּנְן אִיז שׁוֹין הוֹיךְ אִין הִימֶעל גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ מֹשֶׁה׳לֶע מִיט אִיהרֶע אֶלְטֶערְן זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אִין שׁוּל. דָארְט וִוידֶער דַאוְונֶען וִוידֶער לוֹיבֶען גָאט פַאר אַזוֹי פִיעֶל פְרֵייד אִין זֵייעֶר הוֹיז.

פוּן שׁוּל אִיז נוּר מֹשֶׁה׳לֶע אַלֵיין גֶעקוּמֶען, וַוייל ר׳ לֵייזֶער מִיט חַייעֶלֶען הָאבֶען אַ חֲזָקָה גֶעהַאט: שַׁבָּת בְּרֵאשִׁית צוּ פֶערְבְּרֶענְגֶען בַּיי ר׳ שְׁלֹמה׳ן אַ גַאנְצֶען טָאג, מֹשֶׁה׳לֶען הָאבֶען זֵיי גֶעהֵייסֶען גֶעהן אַהֵיים, עֶס זָאל דִי קִינְדֶער נִיט אוּנְסוֹטְהִיג זַיין צוּ זִיטְצֶען בַּיים טִישׁ אַלֵיין אָהן פָאטֶער אוּנ מוּטֶער.

אִיצְט אַז דִי קִינְדֶער זֶענֶען וִוידֶער פְרַיי אַ גַאנְצֶען טָאג אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶען הָאבֶען זֵיי וִוידֶער פֶערְגֶעסֶען זִיךְ שֶׁאמֶען אֵיינְס פַארְן אַנְדֶערְן אוּנ מֹשֶׁה׳לֶע הָאט וִוידֶער רָחֶל׳עֶן עֶרְקְלֶערְט פֶערְשִׁידֶענֶע עֶרְשַׁיינוּנְגֶען פוּן דֶער נַאטוּר. זִיא הָאט וִוידֶער צוּ גֶעהֶערְט

ערהינקט אונ געהן וויא פריהער; משהלע איז איהר אין דעם טאג צוריק א עלטערער ברודער געוואָרען. אז עס האט אנגעהויבען דונקעל ווערן אונ די לעצטע שטראהלען פון דער אונטערגעהענדער זונן האבען פון צווישען דיא בוימער דורך זייער פענסטער אריינגעשיינט אונ דערמיט אנגעזאגט, אז עס ווערט באלד נאכט, באלד פינסטער אונ אויס יום טוב, אויס פרייד אונ פרייהייט אין יודישען וועלטעל, האט משהלע א זיפץ געטהון אונ האט געזאגט:

— וויא פערדריסט מיך, רחלע, וואס עס ווערט איצט אזוי גיך נאכט! איצט וואלט איך וועלען דיא זונן זאל אויך מיר אזוי ווי יהושען אין זיינע צייטען אמאל צו ליעב טהון אונ ניט אײלען אונטער צו געהן! דאן מיין גוטע רחלע, וואלט איך קאנגען דיר נאך פיעל אונ פיעל איבערגעבען פון אלץ וואס איך האב אין דיא צעהן יאהר געלערנט. איז אבער ניט נאריש צו ווינשען זיך אזאך וואס קאן ניט ערפילט ווערן? עס פערגעהט דער טאג, עס ווערט דונקעל אין צימער אונ גלויב מיר, נאך דונקעלער ווערט איצט אין מיינעם הערצען... מיט דעם טאג געהט דער יום טוב אוועג אונ מיט דעם יום טוב געהען אויך פיעל זיסע האפנונגען מיינע מיט!...

— דער יום טוב, משהלע, וועט אין א יאהר ארום ווידער קומען! האט רחלע געטראכט.

— יא, ער וועט ווידער קומען, אבער ווער קאן מיר זאגען: וועלכע האפנונגען מיינע וועט ער מיר דאן מיט זיך ברענגען אונ וועלכע פון זיי וועט ער איבערלאזען אין יענעם אונערמאפליכען אבגרונד וואו עס ווערן דערטרונקען אלע אבגעלעבטע טעג אונ מיט זיי אויך אלע איטעלע פערלארענע האפנונגען? נאך, רחלע, ווער קאן דאס פערלארענע צוריק געבען אונ אונזער ליעבען גוטען זיידען אונז לעבעדיג מאכען? ווער קאן אונז יענע שעהנע אונשולדיגע טעג איצט צוריק געבען מיר זאלען נאך אזוי אונשולדיג ווי דאמאלס קושען דיא הענט וועלכע זעגען זעגענד אויף אונזער קאפ געלעגען?... אבער אויס יום טוב, אויס קינד! אין שול הערט מען באלד דעם אונ־ מוטהיגען „והוא רחום" אונ אין מיינעם הערצען הער איך די אונמוטהיגע שטימע וואס שרייט: א חיים! גענוג נאכט צו זיין, גענוג גליקליך געוועזען!...

— דעם זיידען לעבעדיג מאכען, האט זיא מיט א זיפץ געענטפערט, קאן נור גאט אליין! ער האט איהם פון אונז צוגענומען אונ ער וועט איהם אונז צוריק אוועק געבען, אבער דאס וועט זיין שפעט, גאנץ שפעט, ווען מיר אליין וועלן שוין זיין דארט, וואו ער איז איצט; דאס גליק אבער פון יענע שעהנע קינדער יאהרן קאן גאט אונ אונזער געטרייער פאטער אונז שוין צוריק געבען אונ וואס, מיין פריינד, ברויכסטו זארגען? ביזטו איצט ניט גליקליך? פעהלט דיר וואס ביי אונז? זאג מיר נור, אונ דיר וועט קיין זאך פעהלען וואס אין מיין פאטערס אונ אין מיינער מעגליכקייט וועט נאר זיין!

— איצט, פאר דער מינוט, פעהלט מיר גאר נישט! טהייערע רחלע, איצט איז מיר גוט, איצט בין איך גליקליך, וויא אדם הראשון אין גן עדן איידער ער האט נאך געזינדיגט אבער געדענקסטו, רחלע, דעם פסוק אין חומש: וישמעו את קול ה' אלהים מתהלך בגן לרוח היום: אונ אדם וחוה האבען דערהערט די שטימע [illegible] וועלכע

געהט אום אין גארטען נאך דעם גייסט פון דעם טאג. ווייסטו וואס פאר א שטימע דאס איז? דאס איז דיא שטימע וועלכע נור דער מענש אליין הערט זיא. דיזע שטימע רופט דעם מענשען אין דער וועלט אריין א מענש צו זיין, וויא זיין צייט, זיין טאג פער־לאנגט פון איהם! איך הערע איצט, רחלע, דיזע געטליכע שטימע, זיא רופט מיך, איך זאל מיין גן עדן פערלאזען אונ געהן אהין וואהין דיא צייט פיהרט מיך. וואהין דער גייסט דעם טאגעס שיקט מיך, אהין צו יענעם צוועק וואס גאט האט פאר אונז מענשען בעשטימט!...

זיא האט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט. — ערקלער מיר טהייערער. האט זיא געבעטען, פאר וואס קאנסטו דא אויף שטענדיג ניט בלייבען? קאנסטו דא ניט לעבען וויא דיא צייט פערלאנגט?

— ווייסטו מיין טהייערע, האט ער אנשטאט צו ענטפערן געפרעגט, ווייסטו וויא אונ איבער וואס איז אדם הראשון, דער ערשטער פאטער פון אונז מענשען פון גן עדן פערטריבען געווארן? וואס האט איהם דאן גאט געזאגט?

— איך ווייס, האט זיא נאאיוו זיך אבגערופען, איבער דעם וואס ער האט פון דעם עץ הדעת געגעסען, פון דעם בוים, פון וועלכען גאט האט פערבאטען ער זאל פון איהם ניט עסען. — וויא גוט וואלט געוועזען, ווען ער וואלט דיזע לייכטע געבאט געהיט, דאן וואלטען אלע אייביג לעבען, אונזער זיידע אונ דיין פאטער וואלטען נאך איצט אויך געלעבט, דיא וועלט וואלט ווירקליך א גן עדן געוועזען!.. אבער ערקלער מיר וואס געהאר דיזע געשיכטע צו דער פראגע וואס איך פרעג דיך?

— עס געהאר זעהר צו דעם וואס דוא פרעגסט, ליבע רחלע! האט ער מיט א ביטערען זיפץ אנגעהויבען, ווייסטו דען ניט אז איך בין אויך אדם'ס א קינד אונ אלץ וואס האט איהם געטראפען מוז זיין יעדען איינציגען קינד אויך טרעפען? רחלע, איך בין אויך א אונשולדיגער קינד געוועזען אונ האב אויך אין א גן עדן געלעבט, אבער אזוי וויא אדם, איידער ער האט דעם עץ הדעת פערזוכט, האב איך מיין גן עדן ניט ערקאנט אונ מיין גליק ניט פערשטאנען! איך בין עלטער געווארען, פון דעם עץ הדעת פערזוכט, דאס הייסט: צום שכל געקומען, ביכער אונ ספרים האבען מיר מיינע אויגען געעפענט צו זעהן, אין וואס פאר א וועלט אונ צייט איך לעב, ווי ווייניג איך ווייס אונ וויפיעל עס איז דא וואס איך קאן נאך וויסען, בין איך באלד פון יענעם גן עדן ארויס אונ איך טאר ניט אונ קאן ניט אין איהם בלייבען לאנג. זעלבסט דאן ווען ער עפענט זיך פאר מיר... ווארום זעלבסט אין גן עדן הערט זיך נאך היינט דיא שטימע גאטעס: „מיט דעם שווייס פון דיין אנגעזיכט זאלסטו דיין ברויט פערדינען!" דוא מוזט דאס איבריגע געפינען וואס דער איינציגער ביסען עץ הדעת האט דיר בעוויזען וואס דיר פעהלט נאך! גוטע רחלע, וואלסטו נור וויסען וואס פאר א בעזילוס עס ליגט בעהאלטען אין מיינעם הערצען, דו וואלסט אפשר דאן מיך פון דיר אבשטויסען אונ ניט מעהר וועלען גאר רעדען מיט מיר!...

זיא האט איהם ריהרענד אנגעקוקט — דיך פון מיר אבשטויסען? מיט דיר ניט מעהר רעדען! האט זיא איבערגערעדט טיף בעוועגט. ניין, מיין טהייערער, נור מיט א שלעכטען, נור מיט א נידערטרעכטיגען וויל דיין שוועסטערקינד ניט רעדען, אזא ביזטו געוויס ניט! ביזטו ניט משהלע מיין זיידענס ליעב איינקעל? משהלע דאס גוט

קינד וואס אלע האבען דיך אזוי היים געליעבט אונ ליבען דיך איצט אפשר נאך מעהר וויא א מאל ? גיין, ביי יעדען בעשלום וואס דוא טראגסט אין דיינעם הערצען, וויל איך נאך מיט דיר רעדען, משה'לע. אויב דוא ווילסט עס נור ? איך בין לייַדער אזוי וועניג געלערנט געגען דיר !...

— זיי מיר אזוינס ניט חושד, גוטע רחל'ע ! האט ער געבעטען, זאג מיר נור, ציי ווייסטו אויך דאן מיך פאר דעם זעלבען משה'לען ערקענען, אז איך וועל איצט פון דיר אוועקפאהרן אונ קומען אמאל צוריק שוין ניט אזוי וויא איך בין איצט ? אז איך וועל למשל: א געבילדעטער, א אינזשענער, א דאקטאר ; אדער וויא אנדערע געשטודירטע יודען ווערן וואס קאנען ניט פאר דער וועלט אזוי פרום זיין, אזוי יודישקייט אבהיטען ווי עס היטענאב אלע אנדערע ניט געשטודירטע יודען ?

דיא פרומע רחל'ע האט אויף דער פראגע ניט געקאנט אנטווערן. דעם פעטערס משל פון אבריליאנט וואס ווערט א פראסט שטיינדעל ווען ער ליגט אין דער פינ־סטער האבען אין איהר הערצען טיפער איינגעדרונגען איצט אלס געבעטען. — אלעצטער שטראהל פון דער אונטערגעהענדער זונן האט איצט אריינגעשיינט אונ אבגעשפיגעלט איהרע טרערען וועלכע זענען איצט ווי פערל געהאנגען אויף איהרע שאנע ברעמען. אויך אויף משה'לען האט דער ליכטיגער שטראהל נאך ארגע געשיינט באלד אבער איז די זונן אין גאנצען אונטערגעגאנגען, אין צימער איז דונקעל געווארן. רחל'ע האט נאך מיט פאלע אויגען שטום אונ ריהרענד געקוקט אויף איהם, איהר האט געדאכט: עס שיינט זיין פנים, עס שיינט ניט פון דיא שטראהלען פון דער ערשט פערגאנגענער זונן אבער זיין אייגענע ליכט וואס ער האט אין הערצען שיינט דורך זיינע שאנע אויגען ארויס, דורך דיא אויגען וועלכע קוקען אויף איהר מיט אזוי פיעל ליעבע אונ מיט־לייד... טהרערען האבען זיך אנגעהויבען גיסען איבער איהרע גליהענדע באקען. פון ליעבע אונ רחמנות איז איהם דאס הארץ צוגאנגען, ער האט אבער אין דער מינוט קיין ווארטער געפונען מיט וואס זי צו בערוהיגען. פעסט אונ ערנסט וואר זיין בעשלוס, ליעב אונ הייליג איז זיא איהם אין איהר אונשולד געוועזן, זאל ער זיך נארען אדער איהר פאלש זיין ? ערקלארן איהר מיט שכל אז זיין בעשלוס איז הייליג אונ פרום האבען איהרע טהרערן איהם ניט געלאזען, ער האט געוואוסט וויא שטארק פערוואונ־דעט איז איהר הערץ געווארן פון דיא עטליכע ווארטער וואס ער האט ארויסגערעדט אונ איהרע שמערצען האבען איהם דיא צונג געלאמט אונ האט ניט געקאנט רעדען. אזוי זענען זיי געזעסען עטליכע פיינליבע מינוטען אין שטומע מיטליידס געפיהלע זיך איינער דעם אנדערן אנקוקענדיג. ענדליך האט זיא שווערמוטהיג אויסגערעדט:

— איצט מיין פריינד, פערשטעה איך דיין משל פון עץ הדעת אונ פון גן עדן. אך,... דוא ווילסט אויך געניסען פון יענעם בוים, וואס גאט האט זיינע פריכטע פערבאטען ! דוא ווילסט, משה'לע, פון יענע חכמות לערנען, וואס פיהרען דעם יודען פון יודישען וועג אראפ אונ לערנען אן אונזער גאט פערגעסען ! ... זאג מיר, גלויבסטו דען, אז אדם האט גוט געטהון וואס ער האט גאטעס געבאט ניט געפאלגט אונ האט דורך דעם דען גן עדן פערשפילט אונ דעם טויט אויף דער וועלט געבראכט ? איז איצט בעסער וויא עס האט זאנסט געקאנט זיין, אז דיר ווילט זיך אזוי איהם נאכטהון אונ

לֶערְנֶען וָואס נִיט עֶרְלוֹיבְּט אִיז אוּם דַיין גַן עֵדֶן צוּ פֶערְלִירֶען אוּנ אַ טוֹידְט צוּ בְּרֶענְגֶען אוֹיף דִיא וָואס זַייעֶר לֶעבֶּען דַארְף דִיר לִיעבּ זַיין ?... נֵיין, דוּ פֶערְשְׁטֶעהסְט עֶס אוֹיךְ אַזוֹי וִויא אִיךְ, נוּר .... אַךְ, שְׁוֶוער אִיז עֶס מִיר אַרוֹיסְצוּרֶעדֶען; אָבֶּער נָאךְ שְׁוֶוערֶער אִין מִיר עֶס צוּ בֶּעהַאלְטֶען! מֹשֶׁה'לֶע, אִיךְ גֶעדֶענְק, חַוָה הָאט גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ: זִיא אִיז פוּן שְׁלַאנְג פֶערְפִירְט גֶעוָוארן אוּנ דֶערְנָאךְ הָאט זִיא אוֹיךְ אִיהם פֶערְפִירְט... הָאסְטוּ שׁוֹין פִילַייכְט אוֹיךְ דַיין פֶערְפִירְטֶע חַוָה'ן וֶועלְכֶע מֵיינְט דִיךְ אַזוֹי זִינְדִיג צוּ פֶערְפִירֶען? אַךְ, אִיךְ וֶועל עֶס נִיט לָאזֶען, מֹשֶׁה'לֶע, דוּ בִּיזְט מִיר צוּ לִיעבּ אִיךְ זָאל עֶס צוּלָאזֶען!

מִיט דִיא וֶוערְטֶער אִיז זִיא אִיהם אוֹיפְ'ן הַאלְז גֶעפַאלֶען אוּנ אִיהם מִיט אִיהרֶע טְרֶערֶען בֶּענָאצְ'ן, עֶר הָאט אִיהר הַאנְד גֶענוּמֶען וֶועלְכֶע הָאט וִוי פוּן אַ פִיבֶּער גֶעצִיטֶערְט.

— נִיט קֵיין חַוָה, נִיט קֵיין שְׁלַאנְג! מַיין לִיבֶּע פְרוּמֶע רָחֶל'ע! הָאט עֶר אוֹיסְגֶערֶעדְט. דָאס שְׁוֶוער אִיךְ דִיר בַּיי דֶעם הֵיילִיגֶען אַנְדֶענְקֶען פוּן אוּנְזֶער לִיעבֶּען זֵיידֶען אוּנ פוּן מַיין לִיבֶּען פָאטֶער! דָאס שְׁוֶוער אִיךְ דִיר, רָחֶל'ע, בַּיי דַיין רֵיינֶער אוּנְשׁוּלְד וָואס אִיז מִיר אַזוֹי לִיעבּ אוּנ הֵיילִיג, וִויא אַלְ'ן וָואס רֵיין אוּנ הֵיילִיג אִיז! מַיין בֶּעגֶעהְר אִיז נוּר דֶעם הֵיילִיגֶען ווִילֶען גָאטֶעס צוּ עֶרְפִילֶען, דֶעם ווִילֶען צוּ וָואס עֶר הָאט דֶעם מֶענְשֶׁען מִיט אַ שֵׂכֶל פוּן אָנְהֵייבּ אָן בֶּעשַׁאפֶען! ווִילְסְטוּ מִיךְ אוֹיסְהֶערֶן רוּהִיג, וֶועל אִיךְ עֶס דִיר עֶרְקְלֶערֶן בִּיז דוּא וֶועסְט זֶעלְבְּסְט בֶּעגְרֵייפֶען אוּנ פֶערְשְׁטֶעהְן וָואס אִיךְ ווִיל, וָואס אִיךְ זוּךְ. נוּר צוּטְרוֹיעֶן שֶׁענְק מִיר, גוּטֶע רָחֶל'ע!

— אִיךְ הֶער, אִיךְ בִּין רוּהִיג, אִיךְ ווִיל דִיר אַלֶעס גְלוֹיבֶּען וָואס וֶועט זִיךְ נוּר לָאזֶען גְלוֹיבֶּען! הָאט זִיא רוּהִיג אוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאכֶען.

— רָחֶל'ע, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען, פוּן יֶענֶער מִינוּט אָן וָואס אוּנְזֶער עֶרְשְׁטֶער פָאטֶער אָדָם הָאט, הָאטְשׁ זִינְדִיגֶערְהֵייט, פוּן עֵץ הַדַעַת פֶערְזוּכְט, הָאט גָאט אַרָאפְּגֶענוּמֶען זַיין פֶערְבָּאט פוּן דֶעם בּוֹים, אַדְרַבָּה, עֶר הָאט נָאךְ אָדָם'ן פַאר זִיךְ אוּנ פַאר זַיינֶע נָאכְקוּמֶענְדֶע דוֹרוֹת דֶעם עֵץ הַדַעַת אַוֶועג גֶעשָׁאנְקֶען, אִיהם אָנְגֶעזָאגְט: דִיזֶען בּוֹים צוּ פְלַאנְצֶען אוּנ צוּ הִיטֶען אִיבֶּערַאל וואוּ עֶר וֶועט נוּר זַיין, פוּן זַיינֶע פְרִיכְטֶע זִיךְ שְׁפַּייזֶען אוּנ אוּנְטֶער זַיינֶע צְוַוייגֶען זִיךְ בֶּעשִׁיטְצֶען פוּן הִיטְץ אוּנ פוּן קֶעלְט אוּנ פוּן אַלֶע שְׁלֶעכְטֶע עֶרְאֵייגְנִיסֶע אִין דֶער גְרוֹיסֶער אָפֶענֶער וֶועלְט. פוּן דַאמָאלְס אָן, רָחֶלֶע, קָאנֶען מִיר לֶעבֶּען אוּנ גְלִיקְלִיךְ זַיין נוּר וֶוען מִיר גֶעפִינֶען זִיךְ ווִירְקְלִיךְ אוּנְטֶער זַיינֶע צְוַוייגֶען, דָאס הֵייסְט: אוּנְטֶער דֶעם שָׁאטֶען פוּן חָכְמָה אוּנ ווִיסֶען. אָהְנֶע דֶעם עֵץ הַדַעַת, אִיז הַיינְט אוּנְזֶער לֶעבֶּען נִיט מֶעגְלִיךְ אוּנ מִיר מֶענְשֶׁען וָואלְטֶען אִיצְט גֶעלֶעבְּט אוּנְגְלִיקְלִיכֶער אַלְס דִיא חַיוֹת אִין וַואלְד!

— אִיךְ ווִיל עֶס דִיר גְלוֹיבֶּען הָאטְשׁ מִיר אִיז דָאס נָאךְ שְׁוֶוער צוּ גְלוֹיבֶּען, הָאט זִי גֶעאֶנְטְפֶערְט, עֶרְקְלֶער מִיר נוּר: וִויא לֶעבֶּען דִיא, וָואס גְלוֹיבֶּען נִיט אַזוֹי? וִוי לֶעבֶּען דִיא אַלֶע קְלֵיינִצִיגֶער יוּדֶען אוּנְזֶערֶע, וָואס זָאגֶען: מֶען טָאהר נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ פוּן עֵץ הַדַעַת נִיט גֶענִיסֶען?

— ווֵייסְטוּ דֶען נִיט, הָאט עֶר מִיט אַבֶּעלֶעהְרֶענְדֶען טָאן עֶרְקְלֶערְט, אַז צוּ לִיעבּ אֵיין צַדִיק, הָאט גָאט, זֶעלְבְּסְט דִיא זִינְדִיגֶע שְׁטֶעדְט סְדוֹם אוּנ עֲמוֹרָה נִיט גֶעוָואלְט אִיבֶּערְקֶעהְרֶען? יָא, אִיבֶּער דֶעם זְכוּת פוּן אֵיין צַדִיק לֶעבֶּען טוֹיזֶענְדֶער נִיט צַדִיקִים. דִיר קְלֶערֶער זָאגֶען: אֵיין מֶענְשׁ אַחָכָם מַאכְט אַ נַייעֶ עֶרְפִינְדוּנְג לְמָשָׁל: טֶעלֶעגְרַאף, אַייזֶענְ-

בַּאהן, אוּנ מִילְיָאנֶען מֶענְשֶׁען צִיהֶען דִיא נוּטְצֶען פוּן דֶער עֶרְפִינְדוּנְג; אַיין גֶעלֶערְנְטֶער דָאקְטָאר גֶעפִינְט אַ מִיטֶעל ווִיא פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶער קְרַאנְקְהַייט דִיא מֶענְשֶׁען צוּ פֶערְהִיטֶען אוּנ צוּ רֶעטֶען, אוּנ ווִיפִיעל טוֹיזֶענְדֶער מֶענְשֶׁען הָאבֶּען אִיהם זַייעֶר לֶעבֶּען צוּ פֶערְדַאנְקֶען?! נוּר דֶער אִיז אַ מֶענְשׁ, לִיעבֶּע רָחֵל'ע, דֶער וָואס הָאט דֶעם עֵץ הַדַעַת פֶערְזוּכְט; גְלוֹיבּ מִיר, אוּנְזֶער זַיידֶע עָלָיו הַשָּׁלוֹם, דַיין פָאטֶער, אִיךְ אוּנ דוּא, מִיר הָאבֶּען אַלֶע פוּן אִיהם עֶטְוָואס פֶערְזוּכְט אוּנ פֶערְזוּכֶען נָאךְ פוּן אִיהם הַיינְט אוֹיךְ. עֶרְשְׁטֶענְס: בֶּענוּטְצֶען מִיר דִיא מִיטֶעל וָואס קְלִיגֶערֶע פַאר אוּנְז הָאבֶּען דֶערְגַאנְגֶען, דָאס הֵייסְט: מִיר עֶרְקְווִיקֶען אוּנְז מִיט דִיא אֶפְּפֶעלֶעךְ וָואס חֲכָמִים אוּנ פָארְשֶׁער הָאבֶּען מִיט זַייעֶרֶע הֶאנְד זִיךְ גֶעמִיהט פַאר אוּנְז אָבְּצוּרַייסֶען אוּנ אוּנְז צוּם מוֹיל פַארְטִיגֶע צוּ דֶערְלַאנְגֶען! צְווַייטֶענְס: זֶענֶען מִיר אַלֵיין שׁוֹין אוֹיךְ נִיט גַאנְץ ווַייט פוּן אִיהם. וָואס זֶענֶען דֶען אֵיינְגֶעטְלִיךְ דִיא עֶרְקְלֶערוּנְגֶען וָואס דוּא הָאסְט פוּן מִיר גֶעהֶערְט אַזוֹי גֶערְן, אוֹיבּ נִיט יוּנְגֶע בִּירֶעלֶעךְ פוּן אִיהם וֶועלְכֶע וֶועלֶן אוֹיךְ אַמָאל שֶׁענֶע פְרִיכְטֶע טְרָאגֶען? דוּא שֶׁאמְסְט דִיךְ אִיצְט, זָאנְסְטוּ, וָואס דוּא הָאסְט פְרִיהֶער אַזוֹי נַארִישׁ גֶעגְלוֹיבְּט, אַז אַ ווָאלְקֶען אִיז אַזאַ גְרוֹיסֶע בֶּעשֶׁעפֶענִישׁ מִיט אַ גְרוֹיסֶען מוֹיל אוּנ נֶעהמְט צוּם יָם זִיךְ דָארְט אָנְצוּטְרִינְקֶען דֶערְנָאךְ עֶס אִין רֶעגֶען אוֹיסְצוּשְׁפַּייעֶן אוֹיף דֶער עֶרְד. אִיז נִיט גְלַייכֶער אַז דוּא פֶערְשְׁטֶעהְסְט אִיצְט, אַז ווָאלְקֶען אִיז נִיט מֶעהר ווִיא אַ דַאמְפְף פוּן וַואסֶער וָואס וֶוערְט פוּן דֶער זוּנְן עֶרְהִיטְצְט אוּנ ווַייל דַאמְפְף אִיז גְרִינְגֶער אַלְס דִיא לוּפְט מוּז עֶר אַרוֹיפְגֶעהְן אִין דֶער הוֹיךְ אוּנ דָארְט וֶוערְט עֶר פוּן ווִינְד גֶעטְרָאגֶען בִּיז עֶר וֶוערְט צוּרִיק אָבְּגֶעקִיהלְט; אָבְּגֶעקִיהלְטֶער דַאמְפְף וֶוערְט צוּרִיק וַואסֶער, וַואסֶער אִיז שׁוֹין שְׁוֶוערֶער אַלְס דִיא לוּפְט מוּז עֶס צוּרִיק אוֹיף דֶער עֶרְד אַרָאבְּפַאלֶען, אוּנ דִיזֶע פֶערוַואנְדְלוּנְגֶען, פוּן וַואסֶער אִין דַאמְפְף, פוּן דַאמְפְף צוּרִיק אִין וַואסֶער זֶענֶען דָאס וָואס מֶען רוּפְט: „וָואלְקֶען" אוּנ „רֶעגֶען"; וָואלְקֶען אוּנ רֶעגֶען, פֶערְשְׁטֶעהְסְטוּ אִיצְט, אִיז אַיין זַאךְ: „וַואסֶער אִין פֶערְשִׁידֶענֶע גְרַאדֶען וַוארֶעמְקַייט". אַזאַ וָואלְקֶען אוּנ אַזאַ רֶעגֶען הָאבֶּען מִיר אִין קְלֵיינֶעם מָאס אוֹיךְ בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ: אַז עֶס קָאכְט דֶער סַאמָאוַואר לְמָשָׁל, גֶעהט דֶער דַאמְפְף אַרוֹיף אִין דֶער הוֹיךְ, אִין סַאמָאוַואר וֶוערְט דַאן וֶוענִיגֶער וַואסֶער. וואוּ קוּמְט דֶען אַהִין דָאס אוֹיסְגֶעקָאכְטֶע וַואסֶער? דָאס וַואסֶער, רָחֵל'ע, וֶוערְט אִין דַאמְפְף פֶערְוַואנְדֶעלְט. דֶער דַאמְפְף טְרָאגְט זִיךְ ווִיא אַ וָואלְקֶען אִין דֶער לוּפְט פוּן אוּנְזֶער צִימֶער בִּיז עֶר קוּמְט צוּ צוּ דִיא קַאלְטֶע שׁוֹיבֶּען פוּן אוּנְזֶערֶע פֶענְסְטֶער וואוּ עֶר וֶוערְט צוּרִיק פֶערְוַואנְדֶעלְט אִין קְלֵיינֶע טְרָאפֶּענְס וַואסֶער, אוּנ דָאס אִיז דִיא אוּרזַאכֶע וָואס עֶס שְׁווִיצֶען אוּנְזֶערֶע שׁוֹיבֶּען, דָאס הֵייסְט: דָאס רֶעגֶענְט בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ; אוֹיךְ אוֹיף פָּאלִירְטֶע מֶעבֶּעל, זִילְבְּכֵלִים אוֹיף קְלֵיידֶער זֶעטְצְט זִיךְ דֶער דַאמְפְף אָבּ אוּנ מִיר הָאבֶּען בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ וָואלְקֶען אוּנ רֶעגֶען. יָא, אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע נַאטוּר עֶרְשַׁיינוּנְגֶען אַלְטֶעגְלִיכֶע, ווַייסְטוּ אִיצְט אוּנ פֶערְשְׁטֶעהְסְט ווִיא פַאלְשׁ דוּא הָאסְט זֵיי דִיר פְרִיהֶער עֶרְקְלֶערְט. זָאג מִיר, פוּן וַואנֶען וָואלְטֶען מִיר עֶס ווִיסֶען וֶוען מִיר הָאלְטֶען פוּן עֵץ הַדַעַת נִיט גֶעגֶעסֶען? הָאסְטוּ מִיר נִיט מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען אַז דוּא שֶׁעמְסְט דִיךְ אִיצְט צוּ דֶערְמַאנֶען ווִיא אוּנְווִיסֶענְד אִין דִיזֶע זַאכֶען דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען בִּיז אִיצְט? פַאר וָואס שֶׁעמְסְטוּ דִיךְ? גְלוֹיבּ מִיר, מַיין טַייעֶרֶע, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ אוּנְזֶערֶע עֶרְשְׁטֶע עֶלְטֶערְן גֶעשֶׁעמְט בְּעֵת דֶער עֵץ הַדַעַת הָאט זֵיי זַייעֶרֶע אוֹיגֶען גֶעעֶפֶענְט אוּנ זֵיי הָאבֶּען

זייער בּלייזקייט דערזעהן! דער עץ הדעת האט זיי ערשט פאר מענשען געמאכט און
זיי האבען זיך געשעמט, וואס זיי זענען פריהער ניט קליגער אלס א בהמה געוועזן.

און וואס שאדט דאס וויסען, ליעבעס קינד, האט ער ווייטער געפרעגט, צו דיין פרומען גלויבען אין דעם גוטען גאט וואס האט עס אלעס אזוי קלוג בעשאפען? בעוואונדערן מיר דען דעם חכם ניט נאך מעהר ווען מיר פערשטעהן וויא גרויס דיא חכמה זיינע איז, אלס מיר הערן איהם גלאט לויבענדיג פאר א חכם און אליין האבען מיר פון איהם קיין חכמה ניט געזעהן און ווייסען ניט אין וואס בעשטעהט זיין חכמה? אדרבה, ער ווערט נאך גרעסער אין אונזערע אויגען; ניט ווילענדיג ווערן מיר צו איהם צוגעבונדען, אונזער זעלע פערעהרט איהם. ווייל מיר ערקענען איהם האבער און קליגער פאר אונז! גלויב מיר, זייט איך האב חאטש עטוואס צו פערשטעהן אנגעהויבען, וויא קלוג און גרויסארטיג דיא וועלט איז געבויט, פיהל איך מיך נאהענטער צו גאט און מיין הערץ פערעהרט איהם איצט מעהר וויא פריהער; אויך דיא האפנונג, דאס ניט אומזיסט לעב איך, און דיא אמונה, דאס דער גרויסער מייסטער האט זיין בעשטימטען צוועק צו וואס ער האט זיין וועלט געבויט און מיך אלס מענש אין איהר געהייסען לעבען, איז אין מיר איצט שטארקער, און מיר ווילט זיך לעבען אויסצופיהרן דעם צוועק צו וואס איך בין בעשאפען געווארן! און וואס, מיין גוטע רחלע, האסטו אזוי מורא פאר מיין פרומקייט, פאר מיין יודישקייט, אז איך זאל נאך מעהר לערנען און נאך מעהר דערגעהן אין דיא חכמות, וויא איך וויל און וויא איך האף?...

— איך האב קיין מורא ניט! האט זיא פערזיכערט, איך פערשטעה, דאכט מיר, וואס דוא רעדסט, און דוא רעדסט עס ניט נור מיך צו בערוהיגען, אבער ווייל דיין הערץ דענקט און האפט אזוי; נור נאך איין פראגע האב איך: פאר וואס זאגען ניט אזוי אלע אנדערע געבילדעטע און געשטודירטע? פאר וואס טראכט ניט אזוי און טהוט אויך ניט אזוי אונזער דאקטאר? דוא קענסט איהם, ער איז דאך אויך אמאל, זאגט מען, א פרומער יודישער בחור געוועזען, און היינט, אז ער האט אויסשטודירט האט ער פערגעסען גאר אז ער איז א יוד, מעהר וויא יום כפור קומט ער אין שול ניט אריין. ער איז דאך געבילדעט, און ווייס אפשר אויך וואס דו ווייסט. פאר וואס בעוואונדערט ער ניט דעם ליעבען גאט וואס האט עס אלעס אזוי קלוג און גוט בעשאפען וויא דוא בעוואונדערסט איהם? וויא איך, משה'לע, בעוואונדערע איהם, און מיין הערץ ווערט פאל הייליגע אכטונג און ליעבע צו איהם? אדער איז אונזער פאטער ניט בעסער און ניט פיינער פאר איהם, חאטש ער האט ניט געשטודירט? וויפיעל מאל, ווייס איך, גיט דער פאטער ארעמע לייט זיינע רובעלס, זיי זאלען האבען אט דעם דאקטאר פאר זיין רעצעפט צו בעצאהלען, און ער, דער דאקטאר? חאטש ער איז געשטודירט, האט ער זעלבסט אויף דעם ארעמסטען קיין רחמנות און קומט צו איהם ניט אהן געצאהלט! און וואו זעהסטו אין איהם דיא חכמה פון דיא שטודירענעס, וואס ערקלערט דעם מענשען גאטעס ווילען, און מאכט זיין הערץ בעסער, דיזען ווילען אויך צו טהון, וויא דוא זאגסט?

דיזע ביטערע גרינדליכע פראגע איהרע האט איהם ניט נור אהן אנטווארט געלאזען, אבער זי האט איהם אויך באנג געטהון, ער האט געפיהלט אז זי האט רעכט.

– הער אויס מיין טהייערע, האט ער, נאך איינע מינוטען נאכדענקען פון דאס ניי ערקלערט, זיי וויסען, אז דער עץ הדעת, וואס איך זאג דיר, איז ניט א בוים מיט נור איין צווייג, מיט איין מין פרוכט אויף איהם. דער בוים האט זעהר פיעל פערשידענע צווייגען אונ צווייגעלעך, יעדער צווייג פון זיי טראגט בעזאנדערע פריכטע: עס זענען דא צווייגען מיט אפעלעך זיסע ווי צוקער, אונ עס זענען דא אויך ביטערע ווי גאל; אין איינעם זענען זיי קיינע ניט איבריג. דער מיטעלסטער שטאם פון דעם בוים, דער עלטעסטער בוים אליין, וואס פון איהם געהען זיינע טויזענ־דער גרויסע אונ קליינע צווייגען פאנאנדער פון אלע זייטען, איז אונזער תורה; דיא ריינע אמונה אין איינציגען גאט איז זיינע ווארצלען וואס האלטען איהם פעסט איינ־געוואקסען אין אונז. נור דורך דעם ריינעם גלויבען, אז גאט איז דער בעשאפער פון אלץ, אז אלץ איז פון זיין ווילען, אז אלץ ווייס ער אונ ערהאלט אלץ אונ אז דיא חכמות אלע קומען פון איהם אום זיין האכסטען, אונז אונבעקענטען צוועק אויסצו־פיהרן, זענען דיא חכמות אמת׳ע חכמות, זאנסט האט קיין זאך קיין געדאנק ניט, ווארום אין א זאך וואס איז קיין כונה, קיין ווילען אונ קיין צוועק ניטא קאן אויך קיין חכמה ניט זיין! דאריבער ברויך יעדער לערנען פריהער פאר אלץ אונזער היילינגע תורה, ווארום זיא ערצאהלט אונז, אז גאט האט דיא וועלט אונ אלעם בעשאפען אונ זיין ווילען איז: מענשען זאלען וויא מענשען לעבען, מיט קלוגע געזעטצע, מיט יושר, מיט חסד אונ מיט ליעבע זיך פיהרען וויא לאנג זיי לעבען. אז מיר לערנען דיא היילינגע תורה אונ מיר ווערן דורכדרונגען אין איהר, דאס הייסט: מיר פערשטעהען זיא אונ מיר ווילען פון גאנצען הערצען טהון איהרע מצות, דאן, ליעבע רחל׳ע, מאגען מיר פון דעם מיטעלסטען שטאם אויס, זיך לאזען געהען אויך צו דיא פערשידענע צווייגען וועלכע פערצווייגען זיך אין פערשידענע זייטען, דאמיט מיר זאלען זעהן וויא גרויס אונ בריט דער בוים איז אונ וויא אונענדליך גרויס איז דער גארטנער וואס האט אזא בוים פערפלאנצט!... וויא הויך אונ וויא ווייט מיר וועלן אויך פון דעם מיטעלסטען שטאם אוועג, וועלן מיר נאך אלץ טרעפען צו איהם צוריק צוקומען, ווייל מיר וויסען איינמאל אז אזא שטאם איז דא. יענע געבילדעטע אונ געשטודירטע, וועלכע דוא זעהסט ליידער, וועלכע האבען אן גאט אונ אן זייער פאלק פערגעסען, גלויב מיר, זיי האבען פון אנהייב אן דעם מיטעלסטען שטאם ניט געקענט. זיי האבען ערגעץ א גרין צווייגעלע דערזעהן האבען זיי איהם פאר דעם עיקר בוים אנגענומען, אונ זייער בילדונג האט קיין אנהייב אונ האט קיין סוף.... זיי בעדענקען גאר ניט: וואהער קומט עס אלעס? וואצו איז דאס אלעס אונ ווער איז דער וואס האט עס אזוי אלעס בעשאפען? זייער אויג איז קורצזיכטיג אונ זיי קאנען ניט זעהן וויא אלעס פערצווייגט זיך אונ קומט פארט צוריק צו דעם אנהייב, צו דעם שטאם וואס הייסט ווידער גלויבען, דאס פון גאט איז אלעס... איבערעגינס, מוז איך דיר נאך א זאך ערקלערן: עס זענען דא פיעל מענשען וואס זיי ו י י ס ע ן פיעל זאכען אונ פ ע ר ש ט ע ה ע ן דיא זאכען ניט. בילדונג אבער איז ניט נור וויסען זאנדערן אויך פערשטעהען אונ דענקען, אויך וועלן אלעס בעגרייפען. דאריבער טרעפט אז אויך געשטודירטע מענשען וועלכע וויסען פיעל, פערשטעהען פון דעסטוועגען ווייניג – צו יענער קלאסע, רחל׳ע, געהער איך ניט דוא קאנסט רוהיג

זיין, דיין שוועסטער קינד וועט אנדערש אין הערצען אונ אין כאראקטער ניט ווערן אלס ער איז דיר איצט אונ אלס ער איז דיר אמאל געוועזען. א, רחלע, ווען דוא זאלסט מיינע איצטיגע ווייד נור געדענקען אונ אז איך וועל צוריק קומען אונ דיך נאך אזוי גוט, אזוי שאן אונ צו מיין הערצען אזוי נאהענט געפינען וויא דוא ביזט מיר איצט, וועסטו דיך דאן איבערצייגען, דאס ניט נור מיך אליין גליקליך צומאכען פאהר איך איצט אוועג פון דיר, אבער אויך דוא מיין טהייערע, זאלסטו קאנען גליקליך זיין אונ ליעבען מיך אייביג וויא איך ליעב דיך! זאג, וועסטו וועלן ווארטען אויף מיר אזוי לאנג?....

– משהלע, מיין גאנצע לעבענסצייט וועט מיר ניט צו לאנג זיין אויף דיר צו ווארטען, אז איך זאל נור וויסען אז אמאל, אמאל וועסטו צוריק קומען, יא, אונ קומען דערזעלבער גוטער אונ אויך פרומער ווי דו פאהרסט אוועק! האט זיא אויסגערעדט אונ אונ איהם אויפן האלז געפאלען. נור געדענק, מיין ליעבער משהלע, האט זיא ווייטער רידהרענד ווייטער געזאגט, ווען רחלע וועט בייגקען וועט עס זיין נאך דיר געבייגקט, ווען רחלע וועט וויינען אונ טהרערן פערגיסען, וועלן דיזע טהרערן פאר גאט זיין פערגאסען, ער זאל דיך לעבען לאזען אונ קומען לאזען צוריק א פרומער ברודער צו זיין דיין פרומער שוועסטער רחלען!

זיא האט געוויינט אויף זיין האלז, ער האט זיא מיט קושען אונ מיט טהרערן געטרעסט. אז זיא איז צו זיך געקומען האט זיא געזאגט:

– דא בלייב איך ניט א עלענדע, דא לעבט מיט מיר מיין טהייערער פאטער, דא בין איך ביי מיין טרייער ליבער מוטער. משהלע, אן דארט זעהסטו, – זי האט איהם מיט איהר צארט האנטעל אויפן פעלד געוויזען וואס האט זיך נאך אין דעמערנדען ליכט געזעהן ענטגעגען פענסטער. דארט אויפ'ן פעלד וואוינען אויך דיין פאטער אונ אונזערביידענס ליעבער זיידע; אויפ'ן בית עולם אין זייערע שטילע קברים רוהען זיי, גאר ניט ווייט פון מיר! אז מיר וועט אונמוטהיג ווערן דא אין שטוב פון בייגקען נאך דיר וועל איך צו זיי געהען. אויף זייער מצבה שטיין מיין פאל הארץ אויסגיסען אונ זיי בעטען: זיי זאלען גאט פאר דיר בעטען, עס זאל אלעס אמת זיין וואס דוא האסט מיר היינט הייליג געשווארן!...

אונ נאך אלאנגע צייט האבען זיי גערעדט, שטיל אונ ערנסט גערעדט. אונ דארט פון הויכען בלאען הימעל האבען אראפגעקוקט טויזענדער ליכטיגע שטערן, אונ קיין ווינטעלע האט א בלעטעל ניט בעוועגט אונ די ביידע געליעבטע האבען דורך דעם אפענעם פענסטער געקוקט אויף דעם אונענדליכען רוים, אין בלאען ים אריין איבער זייער קאפ; אהין ווייט. וואו עס הענגען אין דיא לופטען אונ שימערן אונ וויגען זיך קליינע שאנע ברילאנטלעך, וואס אז מען קוקט דורך טהרערן אויף זיי ציהען זיי זיך אין לאנגע, ליכטיגע, אומלויפענדע שטראהלען פון יענער ווייטער הויכקייט ביז הארט נאהענט צו אונזערע אויגען צו. אונ דיא אלע ליכטיגע שטערן האבען איצט מיט זייערע לאנגע ליכטיגע אומלויפענדע שפיזען רחלעס שאנע אויגען בעריהרט. דען זיא האט אויף זיי דורך טהרערן געקוקט; אבער איהרע געדאנקען אונ זעלע זענען האבער איבער דיא שטערן געפלויגען, ביז צו יענעם האכסטען ניפפעל פון דעם

אלערהאבכסטען בוים וואס ער הייכט: „עץ הדעת“, וואס דיא ווארצלען זיינע זענען טיף אין איהר ריינעם הערצען איינגעוואקסען דא אויף דער ערד און זיינע צווייגען פערלאנגען הויך, הויך, ביז דער האכסטער שטוהל גאטעס, וואס פון איהם געהט אלעס ארויס און צו איהם קומט אלעס צוריק!..

### ז.

אוועק דער יום כ״ב, אוועק מיט איהם אויך דיא ליכטיגע ווארימע טאג. דער הימעל האט אנגעהויבען חמארנע ווערן און דיא זונן האט אויפגעהערט זיך בעווייזען אין קליינינקע אזוי ריין און אזוי שאן וויא ביז איצט. גלייך וויא זיא וואלט זיך געשאמט אין שטאדטעל קליינינקע א קלארע, אלויטערע איבערן הימעל צו שפאצירען, בעת קליינינקער איינוואהנער, פון גרויס ביז קליין, פון ארעם ביז רייך האבען דיא יום טוב־דיגע ריינע קליידער אויסגעטהון און געהען איצט אום האלב צוריסען, גאנץ בעשמוטצט דורך קויטה און בלאטע אין קליינינקער ניט ברוקירטע גאסען. טרויעריג האט זיא אמאל דורך דיא גרויע וואלקען דורכגעקוקט, גלייך וויא זיא וואלט געוואלט זעהן וואס טהוט זיך דא אין קליינינקע? וויא לעבט זיך איצט איהרע יודעלעך נאך אזא יום טוב? און, אפנים, זיא האט קיין נחת דא דערזעהן, ווארום זיא האט זיך באלד צוריק, אונטער א נאך שווארצערע שטיק וואלקען בעהאלטען און טראפען וואסער האבען אנגעהויבען פאלען פון דער הויך אראפ, אפשר זענען עס טהרערן געוועזען וואס זיא האט געוויינט פון רחמנות אויף אלץ וואס זיא האט אין דער מינוט דא אין דער־גידער דערזעהן: אן דארט ביים וואגעל האלץ שטעהט שימעלע דעם מלמדס ווייב, אהויכע, אבגעצערנזע יודענע, הויט און ביינער אויסגעווייקט פון רעגען, בעשמוטצט פון דער בלאטע, דיא פינגער פון איהרע פיס קוקען דורך, דורך איהרע צוריסענע שיך. וועלכע זענען נאך איצט פאל מיט וואסער; זיא שטעהט און טראכט זיך: זיא זאל אזוי קיין צער האבען וויא אין איהר גאנצען גבול איז מעהר א גראשען ניטא. און וואס טהוט מען מיט דעם בויער, וואס האט זיך איינגעקענט, גיב איהם בוקא פיער גילדען פאר זיין וואגעל האלץ וואס איז נאך נאס און צופוילט אויך דערצו! האטש קאך היינט קיין ווארימעס ניט. וועה צו מיינע יאהרן! מיט וואס וועט ער, מיין אלטער, כח האבען צו קנעלען? מיט וואס וועל איך אבגעמצען די פערשמאכטע ליפפעלעך פון מיינע ארעמע קינדער?“..

און דארט פיהרט א בעהעלפער יונגע יונגעלעך, וויא דיא שטומע שאפעלעך, טרויעריגע פנים׳לעך, פערפראָרענע בלויע ליפעלעך; ער פיהרט זיי און טרייבט זיי אין חדר אריין, דארט הייבט פון דער פריה ביז שפאט אין דער נאכט; בעקומען שלעג און קניפען פון דעם רבי׳ן וועלכער איז אין כעס. וואס ער איז פון ארעמען מיטאג האלב הונגריג געבליבען. און עס גיסען זיך שאנע טהרערעלעך פון פיעל יונגע אויגעלעך און זיי ווייסען ניט: וואס האבען זיי געזינדיגט? וואס וויל מען פון זיי?.. און וועלכע עלענד און פיין זעהט ניט די זונן קוקענדיג פון אויבען אראפ אין א קליינעם יודישען שטעדטעל, ווען דער יום טוב סכות געהט אריבער און אז דער ליבהארציגער הימעל

הייבט אן זיך אריינצוקלויבען מיט זיינע אונגערופענע געסט: ווינט, שנעע און רעגען!...

דאס איינציגע הויז אין קליינינץ וואו דיא דילען (פאדלאגא) זענען איצט אויך מיט קויטה ניט אנגעטרעטען, איז ר׳ לייזערס הויז. דא איז דער אונטערשייד פון שבת, יום טוב און וואכען טאג, אויסער די שטילע אנגענעהמע "שבת רועה„ זעהר קליין און כמעט גאר ניט נכר געוועזן, דעם טיש דעקט מען, איצט אויך מיט אריינעם ווייסען טישטוך. דיא וואכענדיגע טעלער און לאפעל זענען נאך אויך געווען ריין און שאן. עס וואשען זיך צום עסען אהיבש געזינדעל און אויך עטליכע אורחים יעדען טאג; זעלבסט דאס עסען שמאקט אזוי גוט וויא ביי לייטען אום יום טוב, און עס ווערט צום טיש גע־שפראכען שענע רייד, קלוגע תורה ווערטער, אויך פראהליכע געלעכטערלעך. ניט אומזיסט האבען קליינינצער געזאגט: א געבענשט הויז מיט תורה, און גדולה, מיט עשירות און כל טוב!..

איצט איז נאך פראהליכער געוועזען וויא אלע מאל: דער ליעבער גאסט, משה׳לע האט אלעס פראהליך געמאכט און איז אליין אויך געוועזן צופרידען און גליקליך, ווייל ער האט שוין ביז איצט ערקלערט ר׳ לייזערן זיין פלאן צו פאהרן שטודירן און ר׳ לייזער איז מיט דעם צופרידען געוועזן. ער האט ניט מסכים געוועזן ער זאל שטודירן דאקטאר, יוריסט, אדער אינזשינער, וויא משה׳לע וואר געזאנגען, חאטש ער איז גענוג קלוג געוועזן צו פערשטעהן, אז דיזע פאכען זענען ניט ערגער און ווייטער פון יודישקייט וויא א אנדער פאך; אבער איהם איז צו שווער געוועזן פלוצום אזוי ארויסצוטרעטען אפען געגען זיין אייגענער פרוי, געגען זיין אייגענעם ברודער און געגען אלע בעקענטע, וואס קוקען אויף דיא וואס שטודירן דיזע פאכען וויא אויף אפקורסים וואס זאגען זיך שוין אין גאנצען אב פון יודען און יודישקייט. משה׳לע האט איהם געמוזט נאכגעבען צו פערקעהרן זיין מארשרוט קיין ברעסלוי און דארט אנקומען אין ראבינער שול, וועלכע ווערט געפיהרט פון יודישע גרויסע געלעהר־טע, פראפעסארן אפילו, אבער פרומע יודען וואס האבען ליעב אונזער תורה און אונזער ריינע אמונה. ר׳ לייזער האט עס פאר כפרה גערעכענט יוצא צו זיין פאר גאט און פאר לייט און אויך פאר זיינע אייגענע קינדער, וועלכע ער האט געוואונשען צו לעבען אין א ליכטיגערע וועלט אלס די, אין וועלכער ער לעבט און איז ניט גאנץ גליקליך. משה׳לע האט באלד איינגעזעהן אז דער פעטער האט רעכט, ער האט אליין אויך געוואוסט אז ברעסלויער שולע איז פאר איהם גלייכער, ווארום דא קאן איהם צו נוטץ קומען זיינע ידיעות אין יודישע ספרים. ר׳ לייזער האט איהם ערקלערט, אז איהם איז מעהר קיין סוד ניט וואס רחל׳ע, זיין ליעב קינד, ליעבט איהם. נאטירליך נאך וויא א קינד, ווייל נאך איהרע יאהרן אין אזא קליין שטאדטעל קען זיא נאך דיא רעכטע ענטוויקעלטע ליעבע ניט, אבער דאס גראדע פראהט איהם, ווארום דאס פערשפראכט, אז איהר הערץ איז ריין און אונשולדיג און דיא ליעבע אין איהם איז גאנץ און הייליג. מיט פאלע אויגען טהרען האט ער איהם ערצאהלט, אז דאס איז דעם זיידענס רצון געוועזען ביז זיין טוידט און ער זעלבסט האט קיין בעסערן וואונש אין זיין לעבען ניט, אלס דיזען רצון אויסצופיהרען און זיין קינד גליקליך צו זעהן אלס זיין ליעבען פלימעניקס פרוי.

משה׳לע פון זיין זייט האט איהם אויך אפען מודה געוועזן אלץ וואס ער האט

גערעדט מיט רחל'ען און האט איהם א תקיעת כף געגעבען, אז קיין גליק אין דער וועלט וועט דיזע ליעבע ניט אנדערן, ווייל רחל'ע איז זיין גרעסטעס גליק, וואס ער קאן זיך נור ווינשען און האפען.

— פאר מיר, מיין זאהן, ביזטו שוין מיין קינדס חתן! האט דער טרייער פעטער זעהר גערידרט אויסגערעדט. צווישען אונז ביידען איז עס שוין א בעשטימטע זאך. גאט זאלען מיר ביידע בעטען, ער זאל אויך צו אונזער איינשטימונג זיינע מיט געבען; פאר דער וועלט אבער בלייבט עס נאך דערווייל א סוד. אזוי מוז עס זיין! איינמאל: איז נאך רחל'ע ווירקליך צו יונג און צווייטענס, לייקען איך ניט פאר דיר: איך בין ניט פון די מענשען וואס זייער ווילען דורך צוזעטצען הארן זיי ניט לאנד און לייט; מיינע געשעפטען זענען אויך ניט אזעלכע, איך זאל לייטישע מיינונג אין גאנצען קאנען פעראכטען, איך מוז נאך א געוויסע צייט אין דער ראלע בלייבען וועלכע איך שפיל אין מיין שטאדט. זאל איך שוין א תנאים מאכען און באלד נאך דעם וועט דער עולם דערהערן, אז דו ביזט אוועק געפאהרן שטודירן, וועט הייסען: איך האב דיך אוועק געשיקט, דאס וועט מאכען אזא רושם, גלייך ווי איך וואלט איצט אבבאזירן מיין בארד און קומען אין בית המדרש אריין; דאס איז, מיין קינד, אזא שריט, וואס קאן מיר פיעל שאדען טהון אין דער וועלט און זעהר פיעל פערדרוס זעלבסט אין מיין הויזליכען לעבען ברענגען; דאריבער מוז בלייבען דערווייל די זאך בסוד. אין דיין אוועקפאהרן שטודירן, וועט מען מיך ניכער בעדויערן אלס שולדיג מאכען. ביסליכווייז וועל איך דא דערווייל אלע אומשטאנדען דורכזעטצען. דוא וועסט, אם ירצה השם, אין א יאהר צו אונז קומען און איך האפע דוא וועסט ניט זיין ווי יענע יונגע לייט וואס דער נאמען: „שטודענט" איז זיי א פאספארט אלעס צו טהון בפרהסיא; ביי דיר, מיין איך, וועט בלייבען דיין יודישקייט, אזויא וויא איצט אונבעריהרט און אונבעפלעקט; לייט און מיין אייגענע פרוי וועלן איינזעהן, אז דאס שטודירן איז גאר ניט אזוי געפאהרליך וויא מען מיינט און וואס קרום וועט גלייך ווערן!..

דיא צייט איז דער בעסטער לעהרער, איך האפע, זיא וועט מיר לערנען יוצא צו זיין פאר גאט, פאר לייטען, פאר זיך און פאר אייך, מיינע ליעבע קינדער!

וואס זאל מען טהון, מיין זאהן? האט ער מיט א זיפץ ווייטער גערעדט, עס איז טרויעריג אין זיך אזוי געצוואונגען צו לעבען! וויפיעל דוא קענסט מיך שוין, ווייסטו אז איך בין ניט קיין צבועק, איך בין נור פון דיא, וואס האלטען זיך אן דעם כלל גדול: „אז מען קאן ניט אריבער מוז מען ארונטער", אויף וועלכער פוהר מען פאהרט אזא ניגון זינגט מען" דאס נוטצט מיר אויך צו א גוטען צוועק. מיין ווארט זאל האבען א ארט. און מיין דעה אין נוטצליכע שטאדט זאכען איז א דעה האף איך צום גוטען. איך בעט דיך, זאל קיינער אונזער היינטיג געשפרעך ניט וויסען, זעלבסט חיעלע ניט. איהר קאן נור דיא צייט ערקלארן וואס גוט און גלייך איז, מיינע רייד איז זיא ניט פאהיג צו פערשטעהן אין דער הייסער מינוט

ביי דער געלעגענהייט, האט ער משה'לען ערקלארט זיינע אייגענע לאגע, וויא טרויעריג עס איז צו לעבען מיט א פרוי וועלכע וויל דעם מאן ניט פערשטעהן און וועלכע האלט איהם פאר ניט פרום; נור ביי אלעם דעם ליעב איך זיא דעננאך, האט

ער געזאגט, אין גרונד איז זיא ניט שולדיג: מען קאן פון איהר ניט פערלאנגען דאס וואס זיא האט ניט. זאל זיא זיך געזונד זיין אונ פאהרן צום רבי'ן, א אנדער אשה אויף איהר ארט, וואלט אויסברענגען דעם מאנס געלד אויף פאהרן אין וואַרעם באדער אדער אזוי אויף פוסטע זאכען צירונג אונ קליידער אלע וואך נייע; חייעלע וויים פון אזעלכע זאכען ניט. איהר קארלסבאד איז דער רבי זאל לעבען. איהרע פערברענגע־נעריי איז א מתנה זיינע קינדער. איך פערגין עס איהר גערן. וואס לייט וועלן זאגען אויף דעם רבי'ן מיט זיינע נבאים אבער פיעל געזונטער קומען דיא פרויען צוריק פון איהם, אונ אויך פיעל טרייער בלייבען זיי זייערע מאנען, אלס יענע וואס קומען צו־ריק פון אויסלאנד, פון קארלסבאד!...

מיטעל צום לעבען אין ברעסלוי, האט ר' לייזער איהם געזאגט. אז ער פאהרט איצט קיין פעטערסבורג אונ דארט וועט ער אין באנק אקאפיטאל אריינטראגען, דיא זעלבע באנק זאל איהם אויסצאהלען צו פונפציג רובעל א חודש ער זאל מיט זיין עק־סיסטענץ בעזארגט זיין דיא גאנצע צייט פון זיין שטודיום. לבד זה, האט ער איהם פערשפראכען מתנות אונ טאשען געלד צו שיקען נאך מעגליכקייט. איהם אנגעזאגט: ניט קארגען אונ ניט שאמען זיך צו פערלאנגען ווען נור ער וועט וואס ברויכען.

אז רחלע איז צוגעפאלען צום פאטער, איהם דאנקען פאר אלץ וואס משהלע האט איהר בסוד ערצאהלט, אונ איהם געפרעגט: פאר וועלכע נוטס איהרע מתוט ער איהר אזוי פיעל צוליעב? האט ער געאנטפערט:

„דאס טהו איך ניט דיר אליין, מיין ליב קינד, אבער זיך נאך מעהר! וואס הייסט דען גוטס טהון קינדער? דאס הייסט: זיך אליין גוטס טהון! אנדערש פערשטעה איך גאר ניט; עלטערן לעבען נור צו ליעב דעם, זיי זאלען קאנען זייערע קינדער גוטס טהון. זיי לייטען אין א בעסערן וועג אלע ווי, דיא עלטערן זענען אין זייער לעבען געגאנגען! דעם צוועק אז עלטערן ערפילען ערפילעט, ערפילען זיי דערמיט אויך דעם צוועק פון גאט, וואס האט אזוי בעשאפען כדי דיא מענשען זאלן בעסער אונ קליגער ווערן. דאס איז אויך דער צוועק פון דער גאנצער מענשהייט וואס שטרעבט זיך צו וואס העכערעם אונ צו וואס פיינערעם! פערשטעהסטו וואס איך זאג דיר, מיין ליעבע טאכטער? מיין לעבען איז דאס לעבען פון מיינע קינדער; וואס איך טהו בין איך פערפפליכטעט צו טהון! גאט זאל מיר נור העלפען איך זאל אלץ אזוי קאנען טהון וויא איך וויל!..“

אין עטליכע טאג שפעטער, אז עס זענען פארטיג געווארן משהלעס ווינטער־דיגע בגדים, וועלכע דער פעטער האט איהם געלאזט נאהען, האט מען געמאכט א פאראדנעם געזעגענען מאלצייט, צו וועלכען דער פעטער ר' שלמה מיט זיין פרוי זענען אויך געלאדען געוועזן. ר' שלמה האט מיטגעבראכט א פאר מוסר ספרים זיין פלימעניק צום אנדענקען צו שענקען. מען האט אבגעגעסן, אבגעבענשט, טהיי געטרונקען. אונ ר' לייזער האט געהייסען איינשפאנען דיא פערד. בערעלע שפאק האט באלד דיא פערד איינגעשפאנט אין ר' לייזער'ס אייגענעם פאעטאן, צו געפאהרן צום נאניק אונ האט פראהליך געקנאקט מיט דער בייטש. אז עס איז געקומען דיא מינוט זיך צו געזעגנען איז ר' שלמה דער ערשטער געוועזן וואס האט צו וויינען אנגעהויבען. עס האט

גֶעוויינְט אוֹיךְ דִיא מוּהמֶע דְבוֹרָה ר׳ שְׁלֹמֹה׳ס ווַייבּ, אוֹיךְ הַייעֶלֶע הָאט אִיהר טִיכֶעל צוּגֶעטְרָאגֶען צוּ אִיהרֶע אוֹיגֶען; אוֹיף זַיי קוּקֶענְדִיג הָאבֶּען דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען ווֵיינֶען.

— פָאהר מַיין זָאהן, אוּנ גָאט זָאל דִיךְ בֶּעגְלֵייטֶען אִין דַיין ווֶעג! הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה אוֹיסְגֶערֶעט. אִיךְ דַאנְק דִיר פַאר דֶעם נַחַת ווָאס דוּא הָאסְט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער גַאנְצֶער צַייט ווָאס דוּא בִּיזְט דָא בַּיי אוּנְז גֶעוועזֶן! פֶערְגֶעס נִיט אִיבֶּער אַ יָאהר צוּ אוּנְז ווִידֶער צוּ קוּמֶען. גָאט זָאל גֶעבֶּען דוּא זָאלְסְט אוּנְז אַלֶעמֶען גֶעפִינֶען בְּחַיִים וְשָׁלוֹם!

עֶר הָאט אִיהם נָאךְ אַ שְׁטִיק תּוֹרָה גֶעזָאגְט. גוּט גוּט אָנְגֶעקוּשְׁט. אוּנ אִיז אַווֶעק אַהַיים.״ אִיךְ הָאבּ אַ שְׁוַואכֶע נַאטוּר. הָאט עֶר עֶרְקְלֶערְט. אִיךְ קָאן נִיט דֶערְבַּיי זַיין בְּעֵת מֶען גֶעזֶעגֶענְט זִיךְ, אוּנ מֶען ווֵיינְט.״

עֶס הָאבֶּען מֹשֶׁה׳לֶען הֶערְצְלִיךְ גֶעקוּשְׁט אוֹיךְ דִיא בֵּיידֶע מוּהמֶעס, אוּנ אִיהם אָנְגֶעזָאגְט: עֶר זָאל פָארְזִיכְטִיג זַיין אִין ווֶעג, גוּט דֶעם הַאלְז אַרוּמְבִּינְדֶען, עֶר זָאל זִיךְ חָלִילָה נִיט פֶערְקִיהלֶען. רָחֶלֶע אִיז צוּ אִיהם נִיט צוּ גֶעגַאנְגֶען, עֶר הָאט אִיהר זַיין הַאנְד גֶעגֶעבֶּען. „זַיי גֶעזוּנְד, רָחֶלֶ׳ע!״ הָאט עֶר מִיט אַ פֶערְשְׁטֶעלְטֶער פְרֶאהלִיכְקַייט אוֹיסְגֶערֶעדְט.

— פָאהר גֶעזוּנְד, אוּנ קוּם גֶעזוּנְד! הָאט זִיא גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַזוֹי ווִיא גְלַייכְגִילְטִיג. נוּר אִין אִיהרֶע שֶׁאנֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען אַ פָּאאר טְהרֶערֶען גֶעפִינְקֶעלְט אוּנ זִיךְ גֶערִיסֶען אִיבֶּער זַיין הַאנְד אַרָאפְצוּפַאלֶען.

— אִיהר מָאגְט אַייךְ צוּקוּשֶׁען, לִיעבֶּע קִינְדֶער. הָאט דִיא מוּהמֶע דְבוֹרָה מַתִּיר גֶעמַאכְט —. צוּקוּשְׁט אַייךְ, אִיהר זַייט נִיט פְרֶעמְד אֵיינַאנְדֶער! הָאט אוֹיךְ חַייעֶלֶע גֶעהֵייסֶען, אוּנ מֹשֶׁה׳לֶע הָאט צוּגֶעדְרִיקְט זַיינֶע לִיפְּפֶען צוּ רָחֶלֶ׳עס אוּנ זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּקוּשְׁט. רָחֶלֶע הָאט זִיךְ נָאךְ אַלְץ אַנְשְׁטֶאנְדִיג גֶעהַאלְטֶען; נוּר אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען זִיךְ צוּ צוּקוּשֶׁען מִיט אִיהר טְהַייעֶרֶען פָאטֶער, ווֶעלְכֶער אִיז אִיצְט אִין אֵיינֶעם גֶעפָאהרֶען בִּיז אַ נָאהֶענְטֶע אֵייזֶענְבַּאהן, צוּ פָאהרֶען ווַייטֶער קֵיין פֶּעטֶערְבּוּרג, הָאט זִי זִיךְ שׁוֹין נִיט מֶעהר גֶעקֶאנְט בֶּעהֶערְשֶׁען, זִי אִיז אִיהם אוֹיפ׳ן הַאלְז גֶעפַאלֶען, אִיהם גֶעקוּשְׁט אוּנ אִיהרֶע טְהרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעגָאסֶען אָהנֶע אוֹיפְהֶאר. ר׳ לֵייזֶער אִיז אוֹיךְ זֶעהר גֶערִיהרְט גֶעוועזֶן, אוּנ הָאט זַיין קִינְד צוּגֶעדְרִיקְט צוּ זַיין בְּרוּסְט אוּנ גְרוֹיסֶע אוּנ שְׁווֶערֶע טְרָאפֶּענְס טְהרֶערֶען זֶענֶען אִיהם אִיבֶּערֶען בָּארְד גֶעפַאלֶען. זֵיי הָאבֶּען דִיזֶעס מָאל אַזאַ צוּהָאנְגְלִיכְקַייט גֶעפִיהלְט אֵיינֶע צוּם אַנְדֶערֶען אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ מִיט׳ן גוּטֶען ווִילֶען נִיט צוּ שֵׁיידֶען גֶעקֶאנְט. דִי מוּטֶער אוּנ דִי מוּהמֶע הָאבֶּען זֵיי אִיבֶּער גֶעווַאלְד גֶעמוּזְט צוּשֵׁיידֶען. מֶען הָאט שׁוֹין רָחֶלֶ׳ען פוּן שְׁטוּבּ נִיט אַרוֹיס גֶעלָאזֶען אוּנ זִי הָאט דִי לִיעבֶּע אָבְּרֵייזֶענְדֶע גֶעקֶאנְט נוּר דוּרְכֶען פֶענְסְטֶער בֶּעגְלֵייטֶען. אַז חַייעֶלֶע אִיז צוּרִיק אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּנ רָחֶלְ׳ן בַּיים פֶענְסְטֶער ווִי אַ פֶערְשְׁטֵיינֶערְטֶע גֶעפוּנֶען הָאט זִי מִיט אַרוּהִיגֶען גֶעמִיטְה גֶעזָאגְט:

— ווָאס אִיז אַזֵיינְס גֶעשֶׁעהן? דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל פָאהרְט דֶער טַאטֶע אַווֶעק? זָאל עֶר פָאהרֶען גֶעזוּנְטֶערְהֵייט אוּנ קוּמֶען גֶעזוּנְד, גָאט זָאל אִיהם נוּר זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען מַצְלִיחַ זַיין! שָׁאם דִיךְ, מַיין טָאכְטֶער! פַאר ווָאס ווֵיינְסְטוּ נִיט אַז דִי מַאמֶע דַיינֶע פָאהרְט אַווֶעק? דִי קְרוֹין דַיינֶע הָאט עֶר דִיר אַוֶועקְגֶעפִיהרְט?

דִיא מוּהמֶע אָבֶּער, ווָאס הָאט תּוֹלֶה גֶעוועזֶן, אַז רָחֶלֶע ווֵיינְט עֶס נִיבֶּער, ווָאס

משהלע איז אוועק געפאהרן. האט ניט שטארק פאראיבעל גענומען איף איהר פלימעניצע, אונ האט חייעלען געזאגט:

– לאז זיא צו רוה, מיין שוועגערין! מען קאן דיא טהערען ניט איינהאלטען בעת דאס הארץ איז פאל. לאז זיא צו רוה, זיא וועט זיך אויסוויינען וועט זיא אויפהערן; רעד איצט ניט מיט איהר אזוי. מסתמא איז דאך דארט ביי איהר אין הערצען דא א ארט פון וואנען עס קוועלן דיא טהרערן!

– זי איז א קינד, אונ ווייטער גאר נישט! האט חייעלע ווי א ברוגזע אזאג געטהון אונ האט רחלען געלאזען ביים פענסטער אונ איז מיט דער מוהמען פון שטוב ארוים.

רחלע איז נאך לאנג געבען פענסטער געשטאנען אונ געקוקט. וויא דער פאטער האט זיך אלץ ערווייטערט אונ וואס ווייטער, האט זי איהם אלץ קלענער אונ קלענער געזעהן, ביז ער האט זיך אין א זייט פערקעהרט אונ אין גאנצען פערשוואונדען געווארן. זיא האט אבער איהרע אויגען ניט געקאנט אבווענדען פון דער זייט היממעל. [illegible] איהרע הערצענס געליבטע זענען פערשוואונדען געווארן.



[illegible] ודלם [illegible]

# חלק ב

## א.

רָחֶלֶע הָאט זִיךְ קַיין אָרְט נִיט גֶעפוּנֶען, נִיט אִין שְׁטוּבּ, נִיט אִין דְרוֹיסֶען, אוּמֶעטוּם הָאט אִיהר הֶערְץ גֶעצוֹיגֶען, עֶפִּיס גֶעזוּכְט, אוּנ הָאט עֶרְגֶעץ קַיין רוּה נִיט גֶעפוּנֶען. הָאט זִיא מִיט אִיהר מוּטֶער גֶערֶעדְט, הָאט זִיא גֶעפִיהלְט, אַז נוּר דִיא צוּנְג רֶעדְט, נוּר דִיא לִיפְּפֶען שָׁאקְלֶען זִיךְ, אָבֶּער דָאס הַארְץ אִיז דֶערְבַּיי נִיטָא, דָאס הַארְץ רֶעדְט עֶפִּיס אַנְדֶערְשׁ, דָאס הַארְץ לַיידְט אַ מִין הוּנְגֶער וָואס נִיט מִיט עֶסֶען קָאן עֶס זַאט וֶוערֶן; אַ דוּרְשְׁט, וָואס נִיט מִיט וַואסֶער קָאן מֶען עֶס לֶעשֶׁען. אוֹיסְרֶעדֶען זִיךְ ווִיל דָאס הַארְץ, אָבֶּער נִיט פַאר אַ מוּטֶער, נִיט פַאר אִיהר מוּטֶער קָאן זִיא עֶס רֶעדֶען...

— וָואס אִיז דִיר, מַיין רָחֶלֶע? הָאט פֵייגֶע אַמָאל גֶעפְרֶעגְט, אַז זִיא הָאט רָחֶלֶען אַ ווַיינֶענְדֶע אַלֵיין אִין אִיהר צִימֶער גֶעפוּנֶען, וָואס ווַיינְסְטוּ? רָחֶלֶע הָאט אַלֵיין נִיט גֶעפִיהלְט ווִיא אִיהרֶע טְהרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶענָאסֶען אוּנ נִיט גֶעוואוּסְט אַז זִיא ווַיינְט.

— אַךְ, פֵייגֶע, אִיךְ גֶעפִין מִיר קַיין אָרְט נִיט! זִיטְץ אִיךְ אִין שְׁטוּבּ צִיהט מִיךְ אוֹיפֶן גַאס. קוּם אִיךְ אוֹיפֶן גַאס ווִילְט זִיךְ מִיר צוּרִיק אִין שְׁטוּבּ. מִיר אִיז גְלַייךְ ווִיא דָאס הַארְץ אִין מִיר בְּלָאנְקֶעט אַרוּם; גְלַייךְ, ווִיא עֶס אִיז קְרַאנְק אִין מִיר אוּנ ווַייס נִיט וָואס עֶס ווִיל.

— אַזוֹי מוּז זַיין, מַיין טָאכְטֶער, הָאט פֵייגֶע עֶרְקְלֶערְט, עֶס קָאן גָאר אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין ווֶוען מֶען בֶּאנְגְט: דַיין הַארְץ זוּכְט אִיצְט דָאס וָואס אִיהם לִיעבּ אִיז, דָאס, וָואס אִיהם טְהַייעֶר אִיז. אוֹי מַיין קִינְד, מִיר דַארְפְסְטוּ אַ סַךְ נִיט זָאגֶען, אִיךְ ווַייס: דַיין הַארְצֶען פֶעהלְט עֶפִּיס אַזוֹינְס, וָואס עֶס הָאט עֶס גֶעהַאט אוֹיף אַ ווַיילֶע; דִיר אִיז ווִיא אֵיינֶעם וָואס חַלֶשְׁט נָאךְ אַ טְרוּנְק וַואסֶער, אוּנ טְרִינְקְט אַזוֹי פִיעל ווִיפִיעל עֶר קָאן נוּר דִי לִיפְּפֶען בֶּענֶעטְצֶען. אַ גְרוֹיס פֶערְזֶעהן אִיז גֶעוֶועזֶן פוּן דַיין לִיעבֶּען פָאטֶער, וָואס עֶר הָאט גֶעאַיילְט אַזוֹי גִיךְ אַוֶועק צוּ פָאהרֶן מִיט מֹשֶׁה'לֶען, וָואס ווָאלְט עֶר דָארְט בַּיי זַיין אַלְטֶען זֵיידֶען פֶערְזַאמְט? אַ טְרַייעֶר, אַ קְלוּגֶער פָאטֶער, מִיר אַזַא יָאהר, אָבֶּער אַ מַאנְסְבִּיל בְּלַייבְּט אַ מַאנְסְבִּיל, ווִי קוּמֶען זֵיי צוּ ווִיסֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אִין יוּנְגֶען הַארְצֶען פוּן דֶער אִשָׁה בְּעֵת עֶס גֶעוָואהנְט זִיךְ צוּ צוּ דֶעם וָואס וֶוערְט אִיהם לִיעבּ אוּנ טְהַייעֶר? דוּא בֶּאנְגְסְט, רָחֶלֶע, נָאךְ דֶעם לִיעבֶּען מֹשֶׁה'לֶען! שֶׁאם דִיךְ נִיט. בִּיזְטוּ דֶען שׁוּלְדִיג וָואס גָאט הָאט דַיין הַארְץ צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ אִיהם? ווִילְסְטוּ גֶענֶעזֶען ווֶוערֶן פוּן בֶּאנְקֶען? פָאלְג מִיר אוּנ דֶערְמַאן זִיךְ, אַז מֹשֶׁה'לֶען אִיז אִיצְט אוֹיךְ אַזוֹי ווִיא דִיר. הָאף צוּ גָאט, עֶר ווֶעט אֵיךְ צוּרִיק צוּנוֹיף בְּרֶענְגֶען אוּנ מֶעהר נִיט צוּ שֵׁיידֶען דִיא הֶערְצֶער ווֶעלְכֶע עֶר אַלֵיין הָאט צוּגֶעבּוּנְדֶען.

רָחֶלֶע הָאט זִיךְ גֶעשֶׁאמְט אַז זִיא הָאט דָאס פוּן דֶער אַלְטֶער גֶעהֶערְט, אָבֶּער זִיא הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז דָאס אִיז ווִירְקְלִיךְ דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן אִיהר אוּנְרוּהֶע אוּנ גֶעהָאפְט

אוּנ זִיךְ גֶעטְרֶאסְט דֶערְמִיט וָואס מֹשֶׁהלֶען אִיז אִיצְט אוֹיךְ אַזוֹי: זִיא הָאט אִין אִיהרֶע גֶעדַאנְקֶען גִיכֶער אִיהם גֶעוָואלְט טְרֶאסְטֶען אַלְס זִיךְ זֶעלְבְּסְט. אִיהר הֶערְץ הָאט נוּר גֶעשְׁרִיעֶן: "זַיי דוּא רוּהִיג, מַיין לִיעבֶּער מֹשֶׁהלֶע, זַיי זִיכֶער אַז אִיךְ בֶּאנְג נוּר נָאךְ דִיר; דִיךְ לִיעבּ אִיךְ, מֶעהר וִויא זִיךְ, מֶעהר וִויא אַלְץ אִין דֶער וֶועלְט!" אִין אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט זִיא זִיךְ נִיט נוּר בֶּערוּהִיגְט, אָבֶּער אוֹיךְ אַ עֶרְקְוִויקֶענְדֶע זֶעלִיגְקֵייט גֶעפוּנֶען; אִיהרֶע זִיפְצֶען זֶענֶען אִיהר לִיעבּ וִויא אַ זִיסֶע מוּזִיק גֶעוָוארֶן אוּנ זִיא הָאט אִיהרֶע טְרֶערֶען וִויא זִיסֶען וַויין גֶעטְרוּנְקֶען. אֵיינְמָאל הָאט זִיא זִיךְ אַ פְרֶעג גֶעטְהוּן: אִיז דָאס אֶמֶת? בֶּאנְק אִיךְ נוּר נָאךְ מֹשֶׁהלֶען אוּנ נָאךְ מַיין לִיעבֶּען פָאטֶער גָאר נִיט? אַךְ, וִויא אוּנְדַאנְקְבַּאר בִּין אִיךְ אִיהם! אִיז מִיר דֶער פָאטֶער נִיט דֶער לִיעבְּסְטֶער מֶענְשׁ אִין דֶער וֶועלְט? מֹשֶׁהלֶע וָואלְט מִיךְ פַיינְד הָאבֶּען, עֶר זָאל נוּר וִויסֶען אַז צוּלִיעבּ אִיהם הָאבּ אִיךְ זַיין טְרַייעֶן קְלוּגֶען פֶעטֶער, יַא, מַיין לִיעבְּסְטֶען פָאטֶער פֶערְגֶעסֶען! פוּן דֶער מִינוּט אָן הָאט זִיךְ אִיהר, וַואכֶענְד אוּנ שְׁלָאפֶענְד, דֶעם פָאטֶערְס גֶעזִיכְט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט. אָבֶּער אַזוֹי טְרוּעֶרִיג, אַזוֹי מִיטלֵיידִיג, מִיט אוֹיגֶען פָאל טְהרֶערֶען קוּקְט עֶר שְׁטוּם אוּנ בֶּעהוֹיעֶרְנְד אוֹיף אִיהר; דָאס הַארְץ וֶוערט אִיהר פֶערְקְלֶעמְט אוּנ זִיא שְׁרַייט נִיט וָועלֶענְדִיג אַרוֹים: פֶערְצַייהֶע פָאטֶער, אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט פֶערְגֶעסֶן! אֵיין מִינוּט נִיט פֶערְגֶעסֶן! מֹשֶׁהלֶע לִיעבְּט דִיךְ אַזוֹי וִוי אִיךְ אוּנ מִיר וֶועלֶן אֵייבִּיג, אֵייבִּיג מִיט דִיר זַיין! נִיט יוֹצֵא צוּ זַיין מִיט אִיהרֶע גֶעדַאנְקֶען אַלֵיין הָאט זִי אַ בֶּעזָאנְדֶערֶע צָארְטְלִיכְקֵייט אוֹיךְ דֶער מוּטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען וַוייזֶען; צַייטֶענְוַוייז פְלֶעגְט זִיא אִיהר הַאנְד קוּשֶׁען אוּנ צוּ אִיהר זִיךְ אַזוֹי רִיהרֶענְד צוּטוּלֶען אַז זִיא פְלֶעגְט אַלֵיין נִיט פִיהלֶען וִויא אִיהרֶע טְהרֶערֶען פְלֶעגֶען זִיךְ צוּגִיסֶען אָנְהֵייבֶּען אוּנ דֶער מוּטֶער פְלֶעגְט מִיה קָאסְטֶען זִיא צוּ בֶּערוּהִיגֶען. אָנְפַאנְגְס הָאט דִיא מוּטֶער גֶעמֵיינְט אַז דָאס אִיז נִישְׁט מֶעהר וִוי אַ נָאכְגֶעגֶעבֶּענֶער קִינְדֶערְשֶׁער קַאפְּרִיז אוּנ פְלֶעגְט לַאכֶען אוּנ חוֹזֶק מַאכֶען פוּן אִיהר. נוּר שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיא אַלֵיין בֶּעמֶערְקְט: וִויא גֶערְן רָחֵלֶע זֶעלְבְּסְט וִויל זִיךְ לוּסְטִיג מַאכֶען אוּנ קָאן נִיט אוּנ חַייעֶלֶע הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען עֶרְנְסְט בֶּעאוּנְרוּהִיגֶען: צוּ אִיז נִיט מִיט אִיהר לִיעבּ קִינְד וָואס נִיט גוּטֶעס גֶעשֶׁעהֶען? זִיא הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פֶערְשִׁידֶענֶע סְגוּלוֹת צוּ טְהוּן. עֵין הָרָע'ס גֶעשְׁפְּרָאכֶען אוּנ גֶעקְלֶערְט דֶעם רֶבִּי'ן זָאל לֶעבֶּען אַ פִּדְיוֹן אַוֶועק שִׁיקֶען פַאר אִיהר קְרַאנְק קִינְד.

דֶער פֶעטֶער ר' שְׁלֹמה, הָאט אוֹיסְגֶעלַאכְט חַייעֶלֶעס אַלֶע סְגוּלוֹת אוּנ שְׁפְּרֶאכֶעכְצ'ן אוּנ הָאט רָחֵלֶ'ען גֶעזָאגְט: ווִילְסְטוּ, מַיין טָאכְטֶער, גֶעטְרֶאסְט זַיין אוּנ קֵיין נַארִישֶׁע זָארְג אוּנ מַחֲשָׁבוֹת צוּ דַיין הַארְץ אוּנ קָאפּ נִיט צוּ לָאזֶען? זָאלְסְטוּ נוּר דַאוְונֶען פְרוּם אַלֶע טָאג: שַׁחֲרִית, מִנְחָה אוּנ מַעֲרִיב; אָבֶּער דַאוְונֶען אַזוֹי, אַז דַיינֶע אוֹיעֶרֶען אוּנ דַיין הַארְץ זָאלֶען הֶערֶען וָואס דַיין מוֹיל רֶעדְט. זָאלְסְט דֶערְבַּיי טָאקִי נִיט זְשַׁאלִיוֶועֶן זָאגֶען עֶטְלִיכֶע קַאפִּיטֶעל תְּהִילִים יֶעדֶען טָאג, וֶועסְטוּ גֶעזוּנְד וֶוערֶן. זָאג אִיךְ דִיר! דוּא ווייסְט נָאר נִיט וָואס פַאר אַ טְהַייעֶרֶע רְפוּאָה דָאס תְּהִלִים'ל אִיז צוּ אַ קְרַאנְקֶען הֶערְצֶען! אִיךְ זָאג דִיר, מַיין טָאכְטֶער, דָאס אִיז אַ בַּאלְזַאם אַ טְהַייעֶרֶער. אַלֶע זָארְג, אַלֶע בֵּיינְקֶעכְצ'ן אוּנ אַלֶע עַגְמַת נֶפֶשׁ'ן צוּ הֵיילֶען; אַזַא בַּאלְזַאם וָואס מֶען בֶּעקוּמְט אִין קֵיין אַפְּטֵייק פַאר כָּל הוֹן נִיט. פְרוּב אַדְרַבָּה דַיין פֶעטֶערְס רְפוּאָה, וֶועסְטוּ זֶעהְן וִויא דוּא וֶועסְט מִיר דַאנְקֶען!

זִיא הָאט דֶעם פֶּעטֶערְס רְפוּאָה גֶעפְּרוּבְט, אוּנ וִוירְקְלִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִּיהלֶען ווִי זִי הִיידְקְט אוֹיף אִיהר גֶעמִיטְה צוּם גוּטֶען. חַייֶעלֶען הָאט הֲנָאָה גֶעטְהוּן, ווָאס רָחֶלֶ׳ע אִיז אִיצְט, אִין דֶעם פָּאטֶערְס אַבְוֶועזֶענְהַייט פְרִימֶער אוּנ צוּ אִיהר נָאהֶענְטֶער אַלְס פְרִיהֶער.

– זֶעהסְטוּ מַיין קִינְד, הָאט זִיא אִיהר אַ מָאל גֶעזָאגְט, אִיז נִיט גְלַייכֶער אַז מֶען אִיז פְרוּם? מֶען קְלֶארְט נִיט צוּ פִיעל, מֶען הָאט גָאט בָּרוּךְ הוּא שְׁטֶאנְדִיג אִין הֶערְצֶען אוּנ מֶען פֶערְגֶעסְט נִיט אֵיין מִינוּט אַז מֶען אִיז אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער?

– מוּטֶער, ווָאס אִיז אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער? הָאט רָחֶלֶ׳ע גֶעפְרֶעגְט.

– אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, אוֹיב דוּא ווִילְסְט ווִיסֶען, ווָאס דָאס אִיז? הָאט דִיא מוּטֶער גֶעאֶנְטְפֶערְט. ווֶעל אִיךְ דִיר זָאגֶען, הַלְוַאי ווָאלְסְטוּ עֶס שׁוֹין בַּיי מִיר לַאנְג גֶעפְרֶעגְט. אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, דַארְף ווִיסֶען, אַז זִי אִיז אַ אִשָּׁה, אַ פְרוֹיֶענְצִימֶער, אִיהר קָאפּ אִיז נִיט בֶּעשַׁאפֶען צוּ קְלֶארֶן אוּנ צוּ ווִיסֶען הוֹיכֶע זַאכֶען, דָאס אִיז נוּר גֶעגֶעבֶּען גֶעווָארֶן פַאר דִיא מַאנְסְלַייט, פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ מַיין קִינְד? נוּר דְרַיי מִצְוֹת הָאט גָאט בָּרוּךְ הוּא אוּנְז נָשִׁים גֶעבָּאטֶען; דִיא דְרַיי מִצְוֹת אַז מִיר הִיטֶען אָב מִיט אַלֶע זַייעֶרֶע פְּרָטִים, זֶענֶען מִיר „יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער". דִיא אָבֶּער ווָאס מֵיינֶען זַיי דַארְפֶען אַלֶעס קֶענֶען, אַלֶעס ווִיסֶען, ווִי זַיי, ווִיא דִיא מַאנְסְלַייט ווַייסֶען, אוּנ טְהוּעֶן דֶעם קָאפּ אַבַּיין אִין קְלֶארֶן, אִין לֶערְנֶען אַזֶעלְכֶע תּוֹרוֹת ווָאס אִיז נִיט פַאר אוּנְז נָשִׁים גֶעגֶעבֶּען גֶעווָארֶן. פֶערְגֶעסֶען גָאר אַז זַיי זֶענֶען יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער. דַיין טַאטֶע, אִיךְ הָאבּ עֶס אִיהם נִיט אֵיינְמָאל נוּר הוּנְדֶערְט מָאל גֶעזָאגְט, עֶר, נוּר עֶר הָאט דִיךְ פוּן טְרָאפּ אַרָאפּ גֶעפִיהרְט. עֶר פְלֶעגְט מִיט דִיר לֶערְנֶען פּוּנְקְט ווִיא מֶען לֶערְנְט מִיט אַ יוּנְגֶעל, אוּנ דָאס אִיז אַ זִינְד פַאר גָאט אוּנ אַ שַׁאנְד פַאר לַייטֶען. נוּא, זָאג מִיר אַדְרַבָּה, ווָאס הָאסְטוּ פוּן דֶעם ווָאס עֶר הָאט מִיט דִיר גֶעלֶערְנְט? גֶעזוּנְד הָאט עֶס דִיר נִיט צוּ גֶעגֶעבֶּען; שְׁווֶארֶן ווֶעל אִיךְ גֶעהן, אַז דָאס ווָאס דוּא פִּיהלְסְט דִיךְ אִיצְט אַזוֹי מָרָה שְׁחוֹרָה׳דִיג, נִיט צוּ גֶעקוּמֶען זָאל עֶס ווֶערֶן, אִיז נוּר דַארִיבֶּער, ווַייל עֶר, אוּנ אַזוֹי ווִיא עֶר מֹשֶׁה׳לֶע דֶער שׁוֹטֶה, הָאבֶּען דֶעם מוֹחַ דִיר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מִיט זַייעֶרֶע פּוּסְטֶע זַאכֶען! גְלוֹיבּ מִיר, מֹשֶׁה׳לֶע אִיז מִיר אַ לִיעבֶּער אוּנ אַ טְהַייעֶרֶער גַאסְט גֶעווֶעזֶען, אִיךְ רֶעד חָלִילָה אוֹיף אִיהם קֵיין רִשְׁעוּת נִיט, פַאר אִיהם פַּאסְט טַאקִי צוּ קֶענֶען אַלְץ אוּנ אַלְץ צוּ ווִיסֶען; דַיין טַאטֶע, אוּנְז אַלֶעמֶען צוּ לַאנְגֶע יָאהר, הָאט אוֹיךְ גֶעקָאנְט, מֹשֶׁה׳לֶע הָאט אוֹיךְ אוֹיף זִיךְ אַ אֵייזֶערְנֶעם קָאפּ, מֶען זֶעהט דָאךְ טַאקִי פוּן דֶער דְרָשָׁה ווָאס עֶר הָאט גֶעזָאגְט; ווִיא אִיךְ בִּין אַ אִשָּׁה פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען פֶערְשְׁטֶעה אִיךְ ווָאס גוּט אִיז, אָבֶּער אִיצְט בִּין אִיךְ גֶערְן ווָאס עֶר אִיז אַוֶועג גֶעפָאהרֶן אוּנ דֶרְעהט דִיר מֶעהר דַיין קָאפּ נִיט מִיט זַיינֶע, אִיךְ ווַייס אַלֵיין נִיט, ווִיא דָאס אָנְצוּרוּפֶען, אוּנ ווָאס זָאל אִיךְ לַייקֶענֶען? אִיךְ בִּין טַאקִי צוּפְרִידֶען, ווָאס דֶער טַאטֶע אַלֵיין הָאט דִיךְ אוֹיךְ גֶעלָאזֶען אָבְּרוּהֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע ווָאכֶען. דוּא זָאלְסְט טַאקִי צַייט הָאבֶּען זִיךְ צוּ דֶערְמַאנֶען אַז דוּא בִּיזְט אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער. אוֹיף כַּפָּרוֹת בְּרוֹיכְסְטוּ דִי נַארִישְׁקַייטֶען! אָט לֶערְן דִיךְ פוּן דַיין מַאמֶען: דַאווְנֶען, דִינֶען גָאט מִיט דֶעם ווָאס מִיר זַיינֶען גֶעבָּאטֶען, אוּנ ווַייטֶער רַאחְמָנָלִיךְ זַיין!

רָחֶלֶ׳ע הָאט גֶעשְׁווִיגֶען, דֶער מוּטֶער אֵיין ווָארְט נִיט גֶעאֶנְטְפֶערְט.

מַיין גִיט, הָאט חַייֶעלֶע ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען, אַז דֶער טַאטֶע ווִיל בַּיינֶער מֵיינְט: דִיךְ

טאַקי צו מאַכֶען פאַר אַגְמָרָא לַמְדָן ? חָלִילָה, ער ווייס אויך, אַז ניט דוא טָאהרְסְט לֶערְנֶען, ניט דוא קָאנְסְט לֶערְנֶען, אַי פאַר וָואס טְהוּט ער דָאס פָאָרְט אַזוֹי ? איז דֶער תֵּרוּץ : ער ווייס אַז אִיךְ הָאבּ פּיינְט נָאר צו הֶערן דָאס וָואס מִיר טוֹיג נִיט. אַז ער פְּלֶעגְט בּאַלְד נָאךְ אונְזֶער חֲתוּנָה מִיךְ וועלן מאַכֶען פאַר אַלַמְדָן, פְּלֶעגְט מִיר זַיינֶע רֵייד אִין אֵיין אויהֶער אַריין אונ דוּרְךְ דֶעם אַנְדֶערְן אַרוֹיס, ער הָאט שׁוֹין אַזַא טֶבַע צו וועלן אַרוֹיס־ווייזֶען וָואס ער קֶען ; נוּ, אַז אִיךְ וִויל נִיט הֶארן, הָאט אִיהם גָאט דִיךְ צוּגֶעשִׁיקְט אונ ער אִיז גְלִיקְלִיךְ, אַז ער קָאן ווייזֶען זַיין קִינְד, וָואס ער קֶען, וָואס ער טְרַאכְט. אַי בַּיי דֶעם קִינְד גֶעהמְט עֶס נוּר גֶעזוּנְד צו אונ פִּיהְרְט עֶס אִיבֶּער, דָאס אִיז נִיט זַיין דַאֲגָה. זֶעהסְטוּ דָאךְ וָואס ער הָאט פוּן דִיר גֶעמַאכְט. אַזַא יָאהר מִיר, וויא אִיךְ בִּין דִיר גֶעטְרַייֶער אונ אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה בֶּעסֶער וָואס דִיר טוֹיג ; זָאל ער דָארְט זַיין גֶעזוּנְדֶערְהֵייט וואוּ ער אִיז, דוא הָאסְט דָא גָאר נִישְׁט אָנְגֶעוָוארן ; אַדְרַבָּא, בִּיז ער וועט, אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם קוּמֶען, וועסְטוּ ווערן אַ מֶענְשׁ וויא דַיין טאַטֶע אִיז אונ דוא וועסְט שְׁפֶּעטֶער זַיינֶע חֲקִירוֹת גָאר נִיט וועלן הֶארן !

אָ. ווי ווענִיג קֶען מַיין מוּטֶער אִיהר טְהַייֶערן לִיעבֶּען אונ טְרַייֶען מאַן ! האָט רָחֶל'ע פאַר זִיךְ גָאךְ אַזַא גֶעשְׁפְּרֶעךְ אִיבֶּער גֶערֶעדְט, וויא בִּיטֶער מוּז דָאס אִיהם זַיין, דֶעם פָאטֶער אַזוֹי ווענִיג גֶעאַכְט אונ גֶעשָׁאטְצְט צו ווערן, פוּן זַיין אֵייגֶענֶער פְרוֹי. ! אַךְ וויא בִּיטֶער אִיז מִיר, אַז אִיךְ בְּרוֹיךְ עֶס וויסֶען ! אִיז זִיא נִיט מַיינֶע מוּטֶער, וועלְכֶע אִיךְ לִיעבּ פוּן גַאנְצֶען הֶערְצֶען אונ וועלְכֶע אִיךְ בִּין מְחוּיָב צו אַכְטֶען אונ פֶערְעֶהרן גְלַייךְ ווי דֶעם פָאטֶער ? קָאן אִיךְ אָבֶּער פאַר בֵּיידֶען יוֹצֵא זַיין בְּעֵת דִיא בֵּיידֶע זֶענֶען אַזוֹי ווייט אֵיינֶע פוּן דִיא אַנְדֶערֶע ? יַא, בְּעֵת זֵייעֶר פֶערְלַאנְגֶען פוּן מִיר אִיז אַזוֹי פֶערְשִׁידֶען ? קָאן אִיךְ מַיינֶער מוּטֶער יֶעטְצְט גֶערֶעכְט גֶעבֶּען ? נֵיין, אִיךְ פֶערְלַאנְג פוּן אִיהר נִיט וָואס זִי קָאן נִיט, זִיא אָבֶּער וִויל דַוְקָא אִיךְ זָאל זָאגֶען : פִינְסְטֶער, בְּעֵת עֶס אִיז לִיכְטִיג, אוּם עֶס צו זָאגֶען מוּז אִיךְ פְרִיהֶער בְּלִינְד ווערן. — אָבֶּער אִיךְ וִויל נִיט בְּלִינְד ווערן, הָאט מִיר גָאט אוֹיגֶען גֶעגֶעבֶּען אִיךְ זָאל זַיין לִיכְט נִיט זֶעהן ? מִיר גֶעהִירֶען אִין מַיין קָאפּ בֶּעשַׁאפֶען אִיךְ זָאל נִיט דֶענְקֶען ? נִיט פֶערְשְׁטֶעהן, בְּעֵת עֶס דֶענְקְט זִיךְ פָארְט אונ עֶס ווילְט זִיךְ פֶערְשְׁטֶעהן ?.... אִיז טַאקִי נוּר יֶענֶע דִיא וַואהרֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, וועלְכֶע וִויל פוּן קַיין זַאךְ נִיט וויסֶען, נוּר פוּן דִיא דְרַיי מִצְוֹת, וויא מַיין מוּטֶער זָאגְט ? נֵיין, אִיךְ גְלוֹיבּ נִיט, אַז גָאט הָאט אונְז יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער אַזוֹי שָׁפֶל אונ קְלֵיין בֶּעשַׁאפֶען ! אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶע־ מוּז אויךְ וויא אַ יוּדִישֶׁער זוּהן וויסֶען וָואס יוּדִישְׁקֵייט אִיז, וָואס אונְזֶער אֱמוּנָה, אונְזֶער תּוֹרָה זֶענֶען ; נוּר דַאן אִיז זִיא אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אַז זִיא פֶערְשְׁטֶעהט יוּדִישֶׁען גְלוֹיבֶּען, יוּדִישֶׁע תּוֹרָה אונ ווייס וָואס הָאט גֶעטְרָאפֶען דֶעם יוּדִישֶׁען פָאלְק ! נוּר דוא פָאטֶער, ווייסְט וויא מִיר לִיעבּ צו מַאכֶען אונְזֶער אֱמוּנָה אונְזֶער תּוֹרָה אונ אונְזֶער אָרֶעם פָאלְק, נוּר דוא הָאסְט מִיךְ פאַר אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער גֶעמַאכְט ! וויא לִיעבּ אִיךְ דִיךְ פָאטֶער ! אָבֶּער מַיין מוּטֶער אִיז מִיר אויךְ לִיעבּ. גָאט אִין הִימֶעל, לֶערן מִיךְ יוֹצֵא זַיין פאַר בֵּיידֶען, לֶערן מִיךְ, אַ וַואהרֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער צו זַיין !

וויא עֶגָאאִיסְטִישׁ חַייֶעלֶע אִיז גֶעוועזֶן, אִיז זִיא דֶענְנָאךְ קֵיין שְׁלֶעכְטֶע מוּטֶער גֶעוועזֶן צו אִיהרֶע קִינְדֶער, רָחֶלֶ'ען הָאט זִיא אויךְ בֶּעזָאנְדֶערְס לִיעבּ גֶעהַאט : אִיהר פְלֶעגְט הֲנָאָה טְהוּן אַז זִיא פְּלֶעגְט הֶארן וויא לַייט לוֹיבֶּען זִיא, אֵיינֶע פאַר אִיהר

שאנקייט, פאר איהר וואויל געראטהענקייט וואס זיא קאן לשון הקודש'ע אונ רוסישע בריוועלעך שרייבען אונ אפילו פאפירן לייענען, אנדערע — פאר איהרע גוטע מדות. פאר איהר בעשיידענהייט אונ גוטסקייט צו יעדען. חייעלע אליין האט געזעהן ביי איהרע שכנים זייערע טאכטער, מיט איהר רחל'ען אין איינע יאהרן, וויא חייט זענען יענע פון איהר אין אלץ! וויא אנדערש פיהרען זיי זיך! בעריידעוקעס, גרויסע מיילער, אדער וואס נאך ערגער איז; ווי קומען זיי צו רחל'ען? רחלע איז, א קינד א גאט בענ־שונג! „אבער איהר געראטענקייט האט זיא מיר צו פערדאנקען!" פלעגט זיא זיך טראכטען, דאס איז מיין זכות, מיין מזל; נור איין חסרון, דאס קינד ווייס עס ניט אונ דער טאטע פערדארבט עס!". איהר האט זיך געוואלט, אז רחלע זאל אויך זיין א חסידה, אונ זיין ביי איהם זאל לעבען, אזוי אננעמען וויא זיא, מען זאל זאגען: „וויא די מוטער אזוי די טאכטער!" איצט איז צייט, האט חייעלע זיך געזאגט, אז רחלע זאל זיין וויא איהר מאמע אונ ניט וויא איהר טאטע. אונ זיא האט ביי יעדער געלעגענהייט אנ־געהויבען מאכען צו קליין געלד איהר מאן אונ רחל'ען פערוואונדען דערמיט דאס הערץ ביזן גרונד אונ אנשטאט זי צו ציהען צו זיך האט זי פון זיך זי אלץ מעהר אבגעשטויסען.

רחלע האט נור אין זיך געקלאמט אבער דער מוטער א ווארט ניט גערעדט. דאס הארץ וואר איהר פאל אנגסט אונ זארג וועגען פאטער. — איין פערגניגען איז איהר געבליבען, בריוועלעך שרייבען צו משה'לען. דאס ערשטע בריוועלע האט זיא איהם מיט פאלגענדע ווערטער געשריבען:

„מיין טהייערער שוועסטערקינד, מיין ליעבער משה'לע!

עס זענען שוין צוויי וואכען אריבער, זייט עס איז רעגענדיג, וואלקענדיג ביי אונז, אונ צום מוטה איז אויך אזוי! דארט אין מענשענס הערצען איז אויך דא א הימעל, א קלארער ריינער הימעל. דיא האפנונג שיינט אין איהם אמאל אזוי ליכטיג וויא דיא וואהרע זאננע אים וואהרן הימעל; דאן איז ליכטיג אים הערצען, ליכטיג אין דיא אויגען אונ מיר זעהען דיא וועלט: אויך זיא איז שאן אונ ריין; אבער אים הערצען, ליעבער משה'לע, מוז אויך א וואלקען זיין, אונ עס ציהט זיך א חמארע אריבער איבער דיא האפנונג, עס ווערט פינסטער אים הערצען, אויך אין דיא אויגען, אונ קוקט מען דאן אין דער וועלט אריין, איז זיא אזוי ניט שאן אזוי ניט ליעב, אז עס ווילט זיך גאר ניט זיין אין איהר. אפט רעגענט זיך אויס יענער הערצענס וואלקען אין טהרערען דורך אונזערע אויגען אונ דיא האפנונג שיינט ווידער ארויס. אונ עס ווערט ווידער ליכטיג; אפט אבער הענגט דארט דיא דונקעלע חמארע וואכען לאנג אונ עס פרעסט דאס הארץ, מען ווייס ניט וואס עס פעהלט, וואס מען וויל. מען געפינט זיך קיין פריי ארט וואו זיך צו צוטולען, וואו זיך צו בעהאלטען. חאטש קיינער יאגט ניט, קיינער שטויסט ניט צוריק... צוויי וואכען, אז איבער קלייניצער הימעל איז אויס־געשפרייט א חמארע א דונקעלע אונ א טרויעריגע, עס האט אויך גענוג גערעגענט אין דער צייט, אבער נאך'ן רעגען וויא פאר'ן רעגען עס איז אלץ נאך אזוי דונקעל אונ אזוי טרויעריג. צוויי וואכען, משה'לע: זייט אזא חמארע הענגט איבער דעם הימעל פון מיין הערצען וועלכער איז אין מיר אמאל אזוי ריין אונ קלאר געוועזען!.. אך, איך האב שוין גענוג געוויינט אונ טהרערן פערגאסען אין דער צייט. אבער עס איז

נאך אלץ ניט בעסער, אונ דיא האפנונג איז פערשטעלט אונ איך זוך זיא, איך נעפין זיא אבער ניט!...

דוא האסט מיר ערקלערט, פון וואנען עס נעהמען זיך וואלקען אונ רעגען. קאנסטו מיר ניט ערקלערן נאך: פון וואנען נעהמט זיך אזא וואלקען אין מיינעם הערצען אונ פון וואס גיסען זיך אזוי דיא טהרערן ביי דיין רחל'ען?....

אז דוא ביזט אוועג געפאהרן בין איך נאך א צייט ביי'ם פענסטער געשטאנען, געקוקט, גלאט אין דער וועלט אריין: ווי ווייט, וויא ברייט זיא איז אונ וואס האב איך דאן געטראכט? איך האב גאר נישט געטראכט, אונ האב איך דען געקאנט טראכטען, אז דער וואס האט מיר טראכטען געלערנט איז פון מיר אוועג געפאהרן? אוועג געפאהרן דארט אהין, וואו עס איז ווייט, וואו מיין אויג זעהט שוין איהם ניט מעהר!!.. אונ מיינע ארעמע זעלע? אך, איך האב זיא געזעהן נאכלויפענדיג נאך אייער וואגען וואס האט אייך ביידען אוועג געטראגען. זאג, האסטו ניט געזעהן, וויא זיא לויפט אייך נאך, א מידע, אהן א אטהעם? אונ וויא האט זיא זיך געבעטען, איהר זאלט זיא צו זיך אריינגעהמען, אזוי שטארק דיא פערד ניט טרייבען, זיא זאל חאטש אהן כחות ניט בלייבען אזוי, אייך נאכלויפענדיג!.. אזוי, משה'לע, בין איך געשטאנען ביז עס איז שפעט געווארן אונ דיא שווארצע נאכט פינסטערניש האט צוגעדעקט דאס גאנצע שטאדטעל, דאן האב איך דורך דעם פענסטער נור געזעהן מיין אייגען געזיכט צוריק, אונ עס קוקט אויף מיר אזו טרויעריג וויא איך אויף איהם אונ טהרערען הענגען אויף זיינע ברעמען. זיי פאלען ניט אראפ, זיי זענען ווי פערפרארען אין זיינע אויגען.... — אז איך בין פון פענסטער אוועק האט שוין אין שטוב א ליכט געברענט. מענשען האבען ערקלערט א מיטעל ווי זיך צו טרעסטען ווען די ליכטיגע זאננע פארגעהט, קאנסטו מיר משה'לע, ניט זאגען וואס פאר א ליכטעל זאל איך אנצינדען ביי מיר אים הערצען, דארט וואו מיין זונן איז פערגאנגען אונ אין מיר איז אזוי טרויעריג, אזוי פינסטער געווארען?...

איך בין צו מיינע ברידערלעך אונ צו מיינעם שוועסטער'ל צוגעגאנגען; זיי האבען זיך געשפילט מיט דיא ווייסע זילבערנע צענערליך אונ צוואנציגער, וואס דער טאטע האט זיי געלאזען. גליקליכע קינדהייט! א ווייס צענערל קאן אפקויפען אלע פרייד אונ פערגניגען וועלכע מען פערלירט אין דער מינוט בעת א ליעבער טרייער פאטער פאהרט אוועק! וויא בעניידע איך זיי איצט. אבער ניין, דיזע קינדער וויסען ניט ווי טהייער, וויא ליעב איז אזא פאטער, זיי וויסען נאך ניט דאס גליק וויא צו שאטצען, בעת דער פאטער איז דא, אונ זארגט פאר זיי אזוי פיעל, דאריבער איז זיי א צענערל אויך א מקה! איך, מיין פריינד, ווייס שוין וויא אונשאטצבאר טהייער ער איז; ניטא אין דער וועלט אזא רייכטהום, וואס זאל מיר ערפילען וואס מיר פעהלט, בעת ער איז ניטא!

איך האב דיא גאנצע נאכט געשלאפען רוהיג, מיט מיר איז שטענדיג אזוי, דיא אונרוהע פון ביי טאג מאכט מיך מיד, א מידע געה איך צו בעט אונ איך פיהל ניט וויא איך ווער ענטשלאפען. אז איך בין אויפגעשטאנען, אין שטוב אריינגעקומען איז מיר צום מוטה געווארן, וויא מען וואלט עפּיס איינס פון דיא שאנסטע זאכען אונזערע ארויסגעטראגען. קענסטו דאס געפיהל, אז מען איז געוואהנט אימער צו זעהן פאר

דיא אויגען א שאן מעבעל. אונ פלוצים קומט מען צריין אונ מיר נעפינען עס ניט מעהר ? מיינע אותען זענען אומגעלאפען איבערן צימער. זייא האבען געזוכט. אלעס. אלעס איז אויף א ארט געוועזען אזוי וויא געכטען. אזוי וויא אלע מאל. אונ דאך האב איך אים הערצען געפיהלט דאס עס פעהלט עטוואס.. דיין ליעבע געגענוואָרט. משה׳לע, פעהלט איצט ביי אונז אים הויזע. אך, דיזע געגענוואַרט האט אונזער הויז אזוי ליכטיג, אזוי אנגענעהם געמאכט. אונ איך האב מיך צו איהר אזוי צוגעוואוינט דאס מיר פעהלסטו אויף יעדען שריט!

מיין ברודער מאטעלע, פרעגט מיך היינט: וואו איז משה׳לע געפאהרן ? אהין ווייט, ווייט !" האב איך איהם געענטפערט.

דארט וואו עס איז ווייט, האט דאס אונשולדיג קינד געזאגט, דארט לאזט זיך דער הימעל אראפ, דארט קאן איצט משה׳לע, האט ער מיט פרייד ווייטער געשריען. דעם הימעל מיט דער האנד אנריהרען, נור ווייטער קאן ער שוין ניט געהען ווייל דארט איז שוין אוים וועלט !" — אונ איך בין אויך אמאל אזא איינפאלטיג קינד געוועזען, אונ האב אויך אזוי געמיינט וויא מיין יונג ברודערל; היינט אבער ווייס איך שוין, אז דארט איז דער הימעל אויך אזוי ווייט פון דער ערד ווי דא .... דיא וועלט האט קיין ענדע אונ וויפיעל מען זאל ניט געהען, מען קומט צו א בערג קיינמאל! דיזעס וויסען, מיין ליעבער פריינד, איז אבער אזוי טרויעריג אונ ברענגט מיך צו אזעלכע טריבע געדאנקען, אונ איך פרעג מיך אימער: צו וועלכען בערג ביזטו געפאהרן ? וואו איז דער בערג ? אונ וויפיעל וועסטו נאך מוזען אלץ ווייטער פאהרן ביז פון דארטען דעם בערג הימעל צוריק דא צו זעהן, דא וואו דיין כלה׳לע איז ?... אך, ליבער פריינד, זאג מיר, וואו ביזטו ? וויא ווייט ביזטו פון מיר ? מיין ארעמע זעלע האלט נאך אלץ אין איין לויפען, זיך יאגענדיג נאך דיר ! ווען וועסטו זיך אבשטעלן, מיינע זעלע זאל אויף דיין האלז, אויף דיין ברוסט פאלען אונ אויסרוהען, זיא איז אזוי מיד, אזוי אהן אטהעם, משה׳לע... נוען, מיין פריינד, וועט מיין אויג צוריק געפינען וואס מיין הארץ זוכט ?

וואס, ליעבער פריינד, זאל איך דיר נאך שרייבען ? ברויכסטו נאך וויסען וויא איך עס, ווי איך טרינק, ווי איך געה אונ ווי איך שטעה ? ווי אלע מענשען אין גאנצער וועלט ! דו קאנסט דיר לייכט פארשטעלען. מיין געמיטה האב איך דיר אויסגעשריבען. זיי מיר געזונד, מיין ליעבער. אונ שרייב אויך אמאל אבריוועלע צו דיין כלה׳לען.

# ב.

עס האבען זיך אנגעהויבען ווייזען חתונות אונ חופות אין שטאדטעל ווי אלע יאהר אין דער צייט. חיה׳לע איז אומעטום א מחותנת׳טע געוועזן, אומעטום געטאנצט אונ גאר קיין דאגה געהאט וואס איהר מאן איז צו הויז ניטא.. אבי, גאט צו דאנקען, ער שרייבט בריוועלעך. אבי זיינע געשאפטען לאזען איהם ניט קומען. אונ אז ער באנקט אביסעל, ווי ער שרייבט, איז וואס ? פלעגט זי איבערעדן, א קינד איז ער ! איבערי־געגם באנקט ער גיכער נאך זיין טאכטערל. אלס נאך זיין ווייב. איך באנק גאר ניט, איך זאג דעם אמת.

אַיין תּתוּנה האָט חײַעלע ערלויבּט אָבּשפּילען בּײַ איהר אין שטוב ; זיא האָט זיך אויסגעפּוּטצט מיט איהרע בּעסטע קליידער אוּנ טהײַערסטען צירוּנג, אוּנ איז צוּ רחלען אין צימער אַרײַנגעקוּמען בּעטען זי זאָל זיך אויך אָנטוּהען אוּנ בּעשאַנען דיא מחוּתּנים זייער שמחה. אַז רחלע האָט זי דערזעהען אויסגעפּוּטצט מעהר אַלס זעלבּסט די מחוּתּנתטע האָט זי געפּיהלט פּלוּצים אַ וועהטיג אים הערצען, איהר איז אַזוי ניט גוּט געוואָרן אַז דיא מוּטער אַליין האָט זיך ערשראָקען אוּנ האָט איהר דערלאַנגט אַבּיסעל קאַלט וואַסער.

— וואָס איז דיר מײַן קינד ? האָט חײַעלע זעהר אוּנרוּהיג געפּרעגט אוּנ צוּגעלעגט איהר וואַרעם האַנד צוּ רחלעס קאַלטער שטערן.

— גאָר ניט ! האָט זי בּערוּהיגט, איך ווייס אַליין ניט וואָס מיט מיר איז געוועזן. נוּר עס איז שוין אַריבּער.

— אפּשר ניט כּדאי גאָר, זיך אָנצוּטהוּן, מײַן קינד ? רוּה אָב, דוּא בּיזט אפשר ניט געזוּנד אוּנ די תּתוּנה קאָן דיר שאַדען חלילה !

רחלע האָט געשוויגען. אין אַ ווײַלע אַרוּם האָט זיא אָבּער געזאָגט : ניין, דיא תּתוּנה קאָן מיר ניט שאַדען. דיא כּלה איז מײַנע אַ חבר'טאָרין, איהר תּתוּנה איז בּײַ מיר אין שטוּב אַז איך זאָל אויף איהר שמחה ניט זײַן, וועט אַגרויסע בּעליידיגוּנג אוּנ אַזינד זײַן. איך טהוּ מיך שוין אָן, האָב קיין זאָרג ליעבּע מוּטער, איך בּין געזוּנד.

זי האָט זיך בּאַלד אָנגעטהוּן אוּנ איז אין זאַאל אַרײַן, וואוּ עס זענען שוין געזעסען פיעל אויסגעפּוּטצטע שטאָדטישע ווײַבּער אוּנ מאַדלעך. די כּלי זמר האָבּען מיט אײַנציגע ציהען דעם שמיטציג איבּערן פידעל געפּראָבּירט דעם טאָן, אײַנער האָט שטיל קוים צוּ הערן, געשפּילט אַפּאַנטאַזיעלע. קליינע קינדער, יוּנגעלעך אוּנ מאַדלעך, האַלבּ אוּנ גאַנץ אויסגעפּוּטצטע האָבּען זיך אַרוּמגעקליבּען אוּנ צוּגעקוּקט אַלץ וואָס דיא כּלי זמר טהוּען; אײַנער האָט געגנבע'ט אַ קלאַפּ מיט זײַן פינגערל איבּערן קעסעל פּויק. אײַן אַנדערער האָט מיט אַ פינגער אַ טאָן אַרויסגעחאַפּט פוּן אַשטרוּנע פוּן אַ פידעל.

אַוועק, שײַנעץ ! האָט דער האַלבּ בּלינדער פּײַקלער אַ געשריי געטהוּן, דיא קינדער זענען זיך צוּלאָפען. אין דעם זענען אַרײַנגעקוּמען רחלעס צוויי בּרידערלעך אַרוּמגעוואַשענע, אויסגעפּוּטצטע מיט זייערע סאַמעטענע קאָסטיוּמלעך, מיט זייערע שאַנע קאָפּלוּשלעך, זיי זײַנען אויך בּאַלד צוּ צוּם פּויק. דער עלטערע האָט אָנגעהויבּען ציהען דעם שמיציק איבּער דעם פידעל וואָס איז געלעגען אויפ'ן טיש אוּנ דער קלענערע האָט נאָך אײַנאַנד מיט זײַן גאַנצען האַנטעל געקלאַפּט דעם קעסעל פּויק. אַנשטאָט אַוועק צוּטרײַבּען האָט דער כּלי זמר איהם געקניפּען אין בּאַקעל אוּנ דער ווײַל בּעטראַכט זײַן שאַן קאָסטיוּמעל. דיא איבּריגע קינדער האָבּען מקנא געוועזען דיא גליקליכע פּרינצלעך, וואָס זעלבּסט אַ כּלי זמר האָט פאַר זיי דרך ארץ אוּנ זיי מאָגען פאַר זיי אין די אויגען קלאַפּען דעם פּויק, אפילוּ ציהען מיט'ן שמיציק וויפיעל דאָס האַרץ געלוּסט אוּנ קײנער זאָגט זיי אַ וואָרט ניט.

רחלע האָט דיזע אוּנשוּלדיגע קינדערשע קנאה בּעמערקט, זיא האָט בּאַלד צוּגעפיהרט יעדעם קינד צוּם פּויק, צוּם פידעל זיי זאָלען אויך פערזוּכען דעם נחת אוּנ גליק פוּן אַ קלאַפּ דעם קעסעל פּויק אוּנ אַ ציה מיט דעם שמיציק איבּערן פידעל. מאַנכע

האבען אויף איהר זייערע שאנע אוינלעך אויפגעהויבען, אונ זי האט געפיהלט דעם
דיינעם ווארימען דאנק וואס זאגט איהר א יונג בעגליקטעס הערצעלע; אבער נאך מעהר
האט זי בעגליקט א יונג יונגעלע פון זעקס יאהר, וועלכער איז מיט זיין ארעמער מוטער.
שרהלע די אלמנה, געשטאנען געבען טהיר. ווי דאס ארעם קינד וואלט געפיהלט זיין
ארעמקייט האט עס קיין מוטה ניט געהאט פריי אומצולויפען אין זאאל ווי אלע אנדערע
קינדער וועלכע זענען ניט אזוי ארעם אנגעטהון ווי ער; עס האט זיך אויך ניט אינטערע-
סירט איצט, ניט מיט'ן פויק, ניט מיט דער פידעל, אויך ניט מיט דער נאנצער תהונה,
עס איז נור טרויעריג געבען זיין ארעמער מוטער געשטאנען אונ א אויג ניט אראפגע-
נומען פון רחל'עס ברידערלעכס שאנע קאסטיומלעך מיט די זילבערנע קנאפעלעך. אין
זיינע גרויסע קלוגע אוינעלעך זענען טהרערן געוועזן, דיזע טהרערן האט רחל'ע געזעהן
אונ איהר גוט הארץ האט איהר אלעס ערצאהלט וואס דאס ארעם קינד פיהלט איצט.
זיא איז צוגעגאנגען צו איהם, א גלעט געטהון אין זיין יונג באקעלע, אנגענומען זיין
האנדטעל, אריינגעפיהרט עס צו זיך אין צימער. דארט האט זיא דאס קינד אליין ריין
ארומגעוואשען, אויסגעטהון זיינע האלב צוריסענע קליידערלעך, אנגעטהון פון קאפ
ביז דיא פיס מיט איהר עלטערן ברודערלס א קאסטיומעל, אויך זיינע בלאנדע לאקען
האט זיא פערקעמט אונ עס צוגעפיהרט צו איהר שפינעל. וואו דאס קינד האט זיך
געזעהן אין נאנצען אונ האט, שיינט עס, זיך זעלבסט ניט ערקענט.

— וועמען זעהסטו דארט? האט רחל'ע מיט א פריינדליכען שמייכעלע געפרעגט.

— איך! האט דאס קינד געענטפערט.

— אונ זיך זעהסטו דארט ניט?

דאס קינד האט רחל'עס האנד צוגעטראגען צו זיינע רויטע ליפעלעך אונ האט
א פאלען קלינגענדען קוש ארויפגעדריקט.

— טראג געזונד, מיין קרוין! האט רחל'ע איהם צו געוואונשען, דאס וועט שוין
דיינע זיין, קיינער וועט עס ביי דיר ניט אבנעהמען!

דאס קינד האט זיא פערוואונדערט אונ ריהרענד אנגעקוקט. זיא האט אויך
שרה'לען אריינגערופען צו זיך אין צימער, אונ דא וואר דיא סצענע נאך ריהרענדער
אז זעלבסט דיא מוטער האט איהר איינציג ליעב קינד אזוי אויסגעפוטצט דערזעהן
אונ ניט ערקענט.

— מאמע! האט דאס קינד גליקליך אויסגעשריען, ערשט איצט האט דיא מוטער
איהר קינד דערזעהן אונ טהרערן זענען איהר פון איהרע אויגען ארויס; זיא האט איהר
קינד קיינמאל אזוי שאן ניט געזעהן וויא איצט.

— איך פערקויף עס איך, שרה'לע, האט רחל'ע איהר געזאגט, אויף מיין
ברודערל איז עס קורץ אונ ענג, אויף אייער קינד איז עס וויא אויסגעגאסען, זאל
אייער יאסעלע זיי געזונדטערהייט טראגען אונ צערייסען אונ איהר זאלט, אים שטאנדע
זיין, איהם בעסערע אונ טהייערערע קליידער צו מאכען! זארגט גיט, האט זי נוייטער
געזאגט אז זי האט דער מוטערס טהרערן דערזעהן, איהר וועט מיר שוין בעצאהלען,
מיר וועלן זיך שוין אויסרעכענען אמאל! ניט אמת שרה'לע, אייער יונגעל וועט דאס
שאנסטע קינד אויף דער תהונה איצט זיין?

די מוטער האט קיין ווערטער געהאט איהר פרייד און דאנק אויסצודריקען, זי איז רחל'ן אופ'ן האלז געפאלען און האט איהר דאנק מיט הייסע קושען אויסגעדריקט. אָ, טהייערע רחל'ע, האט דאס ארעם ווייבעל ענדליך אויסגערעדט, ניט אומזיסט האסטו אזא מזל א נוטען! ניט אומזיסט האט דיר גאט אזוי פיעל חן און שאנקייט געגעבען, דיין הארץ אין דיר איז נאך שאנער! ביז מיין טוידט וועל איך עס דיר געדענקען און ווי לאנג איך וועל לעבען וועל איך גאט פאר דיר בעטען!" רחל'ע האט איהר צוריק בעדאנקט פאר אזעלכע גוטע רייד, און האט אויך דער מוטער געגעבען א קלייד זיך אנצוטהון, אויף איהר אנגעטשעפעט א שאן שלייפעל, און מוטער און קינד זענען אויף דער חתונה מיט זייער ארעמקייט ניט פערשאמט געווארן.

קיינער האט רחל'ען אזוי שאן [illegible]ווירדיג ניט געזעהן וויא אין דעם אבענד, אז זיא איז צוריק אין זאל אריינגעקומען, האבען זיך אלע אויגען ניט ווילענדיג געווענדעט אויף איהר. דיא מוטער האט בעמערקט וויא מען עסט אויף איהר קינד מיט דיא אויגען און איז אים הערצען שטאלץ געווארן, וואס איהר רחל'ע איז דאס שאנסטע, גראציאזעסטע פריילין דא אויף דער חתונה, האטש עס זענען זיך דא צוזאמענגעקומען די פארנעהמסטע און רייכסטע קינדער פון שטאדטעל. זיא האט נור מורא געהאט פאר „א גוט אויג". זיא איז פון זאל ארויסגעלאפען, געכאפט אין קיך א ביסעל זאלץ אין א פאפירל און אז זי איז צוריק אריינגעקומען האט זי איהר טאכטער ארום גענומען, אנגעהויבען קושען און דערווייל איינגעבונדען הינטען ארום אין א ברעג קלייד דאס פאפירל מיט זאלץ, א טהייערער סגולה צו „א גוט אויג".

רחל'ע האט געטאנצט מיט דער כלה, מיט יעדען מיידעל, און די כלי זמר וואס מעסטען און ווענען שטאנדיג זייער שפילען א טאנץ, אויפ'ן ווערשאק און אויפ'ן לויטה, האבען איצט, ווען רחל'ע האט געטאנצט, געגעבען אויף דעם מאס און וואג א תוספת און געשפילט איבעריגע עטליכע מינוטען; זעלבסט די פידעל וועלכע האט פאר אנדערע שלאפעריג און קרעכצענדיג געשפילט האט זיך פון שלאף אויפגעכאפט און האט פון זיך ארויסגעגעבען לעבעדיגע הארמאנישע קולות. רחל'ע האט גרינג וויא א פויגעלע זיך געדרעהט אין טאנץ פון טאקט צום טאקט, ווי א שאן פויגעלע פון צווייג צום צווייגעלע. און אפילו אלטע ווייבער האבען געזאגט: „עס איז אויף אזא געראטהענע קינד א ברכה צו מאכען! „נור נאך מעהר ווי דיא גרויסע האבען זיך אמוזירט מיט איהר דיא קליינע קינדער: זיא האט מיט יעדען קליין מיידעלע געטאנצט און געלערנט א קליין דאמעלע טאנצען מיט א קליין הערעלען — אויף אזוי פיעל זענען נאך קלייניצער פרומע יודען טאלעראנט געווען און האבען דארין קיין פערשייטקייט ניט געזעהן.

דריי א זייגער פאר טאג האבען די מחותנים און חתונה לייט בעדאנקט הייעלין פאר איהר בעשאנען זייער חתונה, זיא געבענשט: עס זאל אין איהר שטוב נור שמחות זיין. רחל'ען האבען זיי געדאנקט און געקושט פאר איהר משמח זיין זייערע גאסט, זייער חתן כלה, און האבען איהר צו געוואונשען: צו טאנצען אויף איהר חתונה מיט איהר אמתן בעשערטען, אם ירצה השם גאר אין גיכען.

אין עטליכע טאג ארום נאך דער חתונה האט זיך געמאכט א נייע שמחה'לע: ביי מייעלען איז געווען יאהרצייט נאך איהר פאטער. נאך'ן דאווענען זענען געקומען

עטליכע חסידים פון בית המדרש, דער פעטער ר׳ שלמה איז דא אויך געוועזן; חיה׳לע האט געגרייט א טיש און אנגעשטעלט עטליכע פלאשער בראנפען און האט געטהיילט לעקעך, הערינג מיט אייערקיכעלעך ווי אויף א קליין שמחה׳לע. דאס האט רחלען זעהר פערדראסען: ניט אויף דיא חסידים וואס טרינקען גערן אומזיסטע משקה איז זיא ברוגז געוועזען אבער אויף איהר מוטער פאר וואס זיא מאכט דעם טרויעריגען טאג ווען איהר פאטער איז געשטארבען פאר א שמחה און פאיעט די חסידים מיט בראנפען ביז שכור צו ווערן. נאך מעהר האט זי פערדראסען אויף איהר פעטער ר׳ שלמהן וואס ער טרינקט אויך מיט אלעמען צו גלייך און דערמאנט ניט, אז ער דארף גאר זיך ניט גלייכען צו אלעמען.

„זיי, די חסידים, האט, זיא פאר זיך געאורטהיילט, האבען ביי זייערע עלטערן געסערם, אפשר ניט געזעהן ביי אזא געלעגענהייט, אבער ער, דער פעטער מיינער האט ביי מיין זיידען אזעלכעס ניט געזעהן; ביי איהם אין שטוב האט איבערהויפט קיין שכור ניט בעדארפט אריינקומען. א יוד א פרומער איז מיין זיידע געוועזען און ווי קומט א פרומער יוד בראנפען צו טרינקען ? פאר א יודען פאסט ניט שכור זיין! זאגט אויך מיין פאטער. מיר יודען ברויכען שטאנדיג אונזער שכל קלאר און ניכטער האבען ביי זיך, אהן דעם שכל קאן מען אונזער תורה ניט לערנען, אהן דעם שכל קאן מען אונזערע שווערע לאגע אין גלות פערגעסען; בראנפען נעהמט צו דעם שכל און ווי קאן א יוד א שכור נאך א יוד זיין ?״ ער, דער פאטער פאסט בעסער אין דעם טאג פון דעם זיידענס יאהרצייט, ער טהיילט צדקה און לערנט. ער געהט אויך אויפ׳ן בית עולם, דארט וויינט ער זיך אויס אויף זיין קבר. פאר יאהרן בין איך מיט איהם אויך מיט געגאנגען, ווי ווילט זיך מיר איצט ווידער אויף זיין קבר זיך אויסוויינען! ער מוז דאך געוויס וויסען וואס מיט מיר איז, וואס איך בין אזוי אונמוטהיג; איך וואלט איהם אלץ אויסדערצאלען, וויא אלעבעדיגען איהם אנזאגען אז משה׳לע איז ביי אונז געוועזען, ער איז אזוי שאן אויסגעוואקסען, אזוי קלוג און אזוי פיעל געלערנט און איך האב איהם ליעב און ער מיך אויך. אך, דאס וואלט מיר אפשר נוטס טהון און מיר וואלט צום מוטה גרינגער ווערן! ביי אזעלכע געדאנקען איז זיא ווידער אונמוטהיג געווארן און האט עטליכע טאג נאכאיינאנד, מיט זיך זעלבסט געקאמפפט דעם אונמוטה צו פערטרייבען.

דער מוטער איז שוין איבערדריסיג געווארן מיט איהר צו רעדען, זיא האט איינגעזעהן, אז רחל׳ע איז „דער טאטע און דער טאטע!״ אזוי ווי ער האט אוים פון איהר אלעס, אנטפערט א ווארט ניט און בלייבט זיך ביי דאס זייניגע, אזוי איז זיא אויך; דאריבער האט זיא אנגעהויבען מיט איהר שטרענגער און גראבער זיך צו בעגעהען, און האט געלאכט און געשפאט פון איהר און פון איהר טאטען ביי יעדער געלעגענהייט.

אין אוואך ארום נאך דעם יאהרצייט, איז שימעלע מלמד געקומען אנזאגען אז מאטעלע, איהר ברודערל האט מיט מזל אנגעהויבען חומש. און אזוי ווי מארגען איז ראש חודש, איז א יושר אז חיה׳לע זאל מאכען א קליין סעודה׳לע מיט א ביסעל משקה פאר׳ן רבי׳ן מיט זיינע תלמידים. חיה׳לע האט מארגען טאקי געשיקט רופען דעם פעטער

ר' שְׁלמהן און נאָךְ עֶטלִיכֶע יוֹדען אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב צוּ לִיעבּ אִיהר קִינְדס אָנְהֵייבֶּען חוּמֶשׁ. רָחֶלֶע הָאט דִיא קִינְדֶער אָנְגֶעטְהוּן יוֹם טוֹבְדִיג, אַלֵיין הָאט זִיא זִיךְ אוֹיךְ צוּגֶעקְלִיבֶּען אַ בִּיסֶעל פַּארַאדְנֶער וִויא גֶעוֶואהנְלִיךְ. אַ זֵיינֶער אֵיינְס בַּיי טָאג אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען ר' שִׁימֶעלֶע מִיט אַ גְרוֹיסֶען חוּמֶשׁ אוּנְטֶערן אָרֶעם. נָאךְ אִיהם זֶענֶען אַרַיין אַלֶע קְלֵיינֶע תַּלְמִידִים'לֶעךְ פוּן זַיין חֶדֶר. מֶען הָאט זִיךְ אַרוּם גְרוֹיסֶען טִישׁ גֶעזֶעצְט, דֶעם קְלֵיינֶעם בַּעַל שִׂמְחָה אוֹיבֶּען אָן, אוּנ מַאטֶעלֶע הָאט פַארן פֶעטֶער אָנְגֶעזָאגְט דִיא עֶרְשְׁטֶע פַּרְשָׁה חוּמֶשׁ, מִיט אַלֶע אוֹיסְרֶעדֶען פוּן רש"י אוּנ פוּן מִדְרָשׁ, מִיט אַלֶע אַלְט פְרֶאנְקִישֶׁע טַייטְשׁ וֶוארְטֶער אוֹיךְ מִיט דֶעם אַלְט מָאדִישֶׁען נִגוּן, פּוּנְקְט וִוי ר' שִׁימֶעלֶע זַיין רֶבִּי הָאט אִיהם גֶעלֶערְנְט. ר' שְׁלמה הָאט זַיין פְּלִימֶענִיקְל אַ קְנִיפּ גֶעטְהוּן אִין בַּאק אוּנ דִיא מוּטֶער הָאט אִיהר קִינְד גוּט גוּט אָנְגֶעקוּשְׁט. רָחֶלֶע אִיז נִיט גַאנְץ צוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶען: זִיא הָאט בֶּעמֶערְקְט, דָאס קִינְד זָאגְט וִויא אַ אוֹיסְגֶעלֶערְנְטֶע פַּאפַּאגַייֶע אוּנ פֶערְשְׁטֶעהְט מִיט אֵיינֶענֶעם שֵׂכֶל אַ הָאר נִיט וָואס עֶס הָאט גֶעלֶערְנְט.

מֶען הָאט דָאס קִינְד אוֹיךְ דִיא גֶעוֶואהנְלִיכֶע נַארְרִישֶׁע פְרַאגֶען גֶעפְרֶעגְט: אִין וָואס גֶעהט דֶער חוּמֶשׁ אָנְגֶעטְהוּן, אִין אַ זוּפִּיצֶע, אָדֶער אִין שְׁטִיוֶועל? אִין טָאוּוֶלֶען פוּן פַּאפִּיֶער מִיט לֶעדֶער בֶּעצוֹינֶען? הָאט דָאס קִינְד גֶעאֶנְטְפֶערְט אוֹיךְ אוֹיף זַיין רֶבִּינ'ס וואוּנְק.

— אִיצְט שֵׁיינַאךְ, הָאט דֶער פֶעטֶער גֶעזָאגְט, מַאךְ אַ בְּרָכָה אוֹיף דֶעם לֶעקֶעךְ: בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת, אוּנ אוֹיף דֶעם בְּרוֹינְפֶען שֶׁהַכֹּל נִהְיָה בִּדְבָרוֹ אוּנ זָאג: לְחַיִּים יוֹדֶען!

— פַאר וָואס, פֶעטֶער, רוּפְט אִיהר מִיךְ שֵׁיינַאךְ? הָאט דָאס קִינְד גֶעפְרֶעגְט! אַ שֵׁיינַאךְ מַאכְט קֵיין בְּרָכָה נִיט אוּנ קֶען נִיט לֶערְנֶען, אִיךְ אָבֶּער מַאךְ יוֹא אַ בְּרָכָה, אוּנ אִיךְ קֶען לֶערְנֶען אוֹיךְ.

— גֶערֶעכְט! הָאט זִיךְ רָחֶלֶע אַרוֹיסְגֶעכַאפְּט מִיט פְרֵייד, אוּנ הָאט בַּיים קִינְד צוּגֶענוּמֶען דָאס גְלֶעזֶעל בְּרוֹינְפֶען, קוּם צוּ דַיינֶע חֲבֵרִים, הָאט זִיא גֶעזָאגְט, אַ קְלֵיין יוּנְגֶעל דַארְף קֵיין בְּרוֹינְפֶען טְרִינְקֶען, דַיין טַאטֶע טְרִינְקְט אוֹיךְ קֵיין בְּרוֹינְפֶען נִיט, אַ שֵׁיינַאךְ סַיידָען טְרִינְקְט בְּרוֹינְפֶען!

— אַזוֹי, חַייֶעלֶע? הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אַ הֵייסֶער חָסִיד, אַ שְׁטַארֶקֶער בְּרוֹינְפֶען טְרִינְקֶער, הַאלְט אוּנְז אַייֶער כַּלָּה נָאֶה פַאר שְׁקָצִים, פַאר פִּיאַנִיצֶעס? חַייֶעלֶעס אַ טָאכְטֶער! נָאךְ אַמָאל, הֶערְט נוּר! חַייֶעלֶע, וָואס אִיז אַ חֲסִידִישֶׁע אִשָּׁה, אַזַא יָאהר מִיר, הָאט נָאר אַ טֶאכְטֶערל וָואס זָאגְט אַז אַ יוּד וָואס נֶעהמְט אַ בִּיסֶעל יִישׁ אִיז אַ שֵׁיינַאךְ!!...

— עֶנְטְשׁוּלְדִיגְט, הָאט זִיךְ רָחֶלֶע פֶערְאֶנְטְפֶערְט, נִיט אִיךְ גְרוֹיסֶע, הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט, אִיהר קֶענְט, אִיהר מָאגְט; אָבֶּער מַיין בְּרוּדֶערְל אִיז אַ קִינְד אוּנ דַארְף נָאךְ קֵיין בְּרוֹינְפֶען נִיט טְרִינְקֶען!

— נֵיין, נֵיין, הָאט דֶער חָסִיד גֶעשְׁרִיען, דָאס שְׁמֶעקְט מִיט גֶעבְּאַלְבֶּעמַקְיוּת! אִיךְ בִּין שְׁטַארְק מְסוּפָּק אוֹיבּ בַּיי דִיר, וֶועט נָאר רֶעכְט זַיין אַז דַיין מַאן אֲפִילוּ זָאל טְרִינְקֶען בְּרוֹינְפֶען אוֹיף אַ סְעוּדַת מִצְוָה? פִּיאַנִיצֶעס זֶענֶען מִיר? אִין אַ שֶׁענְק הָאבֶּען מִיר זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבֶּען שִׁכּוֹרִין? וִוי פֶערְגֶעסְטוּ דָאס נָאר. אַז דַיין בְּרוּדֶערְל הָאט חוּמֶשׁ אָנְגֶעהוֹיבֶּען? וֵוייסְטוּ דֶען וָואס אִיז חוּמֶשׁ?

— עֶס קָאן זַיין אִיךְ וֵויים, הָאט זִיא גֶעאֶנְטְפֶערְט, אָבֶּער וָואס הָאט חוּמֶשׁ צוּ

בראָנפען? איבריגענס האט מיין ברודערל ערשט דעם חומש אנגעהויבען און ער וועט צייט האבען צו טרינקען, אז ער וועט איהם ענדיגען.

— דוא ביזט א נארעלע, האט דער בעליידיגטער בראָנפענטרינקער געזאגט. חומש אהן א ביסעל בראָנפען לערנט א קאלטער מתנגד, איז טאקי זיין חומש אזוי קאלט וויא ער, און זיין יודישקייט איז נאך קאלטער; ניט איהם, ניט גאט ווערט וואַרעם פון זיין חומש. א חסיד טהוט א טרונק בראָנפען ווערט ער וואַרעם, לערנט ער חומש מיט וואַרעמקייט, דינט ער גאט מיט היטץ און דאס איז טהייערער פאר אלץ! אויף דיינער צו להכעיס זאל דאס יונגעל זאגען: "לחיים" אלע מסכים און טאקי זיין א חסיד! חייעלע, אייך זאג איך, איהר זאלט דאס קינד, ניט לאזען אבלערנען זיך פון זיין נארישע שוועסטער.

— ר' נח, האט חייעלע געאנטפערט, האט קיין פאראיבעל ניט אויף איהר, זיא איז נאך א יונג ציעגעלע, א נארישע בהמהלע, אין איהר לעבענס טאג צווישען חסידים ניט געוועזן און דעם רבין זאל לעבען ניט געזעהן, וואס ווייס זיא?.

ר' שלמה האט אנגעגאסען נאך א גלאזעל און דערלאנגט מאטעלען, דאס קינד האט א ברכה געמאכט א זופ געטהון און האט זיך פארהליגעט.

— פארבייס! פארבייס! האבען דיא חסידים געשריען.

— כל התחלות קשות! האט שימעלע זיין רבי זיך אבגערופען, איך האב אויך אמאל ניט געקאנט, און היינט, ברוך השם, קאן איך אבציג גראדאווען שפירט אויס טרינקען זיך גאר ניט א קרים טהוענדיג.

ר' שלמה אלם כהן האט דעם ערשטען כוס אויסגעטרונקען, דערנאך האבען געטרונקען אלע חסידים, חייעלע האט זיך אנגעגאסען א גלאזעל זיסע משקה, האט געזאגט: לחיים! און אויך אויסגעטרונקען.

— אט, מאמזעלנטע, זעהסטו וויא א פרומע יודישע טאכטער טהוט? לערן זיך פון דיין מאמען און ניט זיי א פערשייטע! דאס פאסט ניט פאר דיר! זיי וויסען, אז דיין מאמע וועט דיר ניט געבען א מאן ערגעץ א טייטש און געבען וועט זיא דיר, אם ירצה השם, א חתן מאנשי שלומנו, פון אונזערע לייט; פרעג איך: איז ניט גלייבער אז דוא זאלסט בעצייטענס וויסען וואס א חסיד איז?

— וואס א חסיד איז ווייס איך, האט זיא געאנטפערט, נור צו זעגען אלע וואס טרינקען בראָנפען חסידים ווייס איך נאך ניט.

— געה שוין, געה! האט דיא מוטער זיך אנגעבאזערט, דעם ליעבען טאטענס ווארטער! וויא קומסטו גאר זיך אביינצומישען אין חסידים? געה צו דיין טאטען! געה צו דיין אויפגעקלערטען שוועסטערקינד, וואס טרינקט ניט בראָנפען און רעדט זיך איין, ארגער ווי א שכור, אז ער איז א שטערנזעהר! ער, זיא מיינט איך ווייס ניט, נור ער האט זיא האלב משוגע געמאכט! הארט אדרבה יודען, וואס אזא קאן זאגען, א וואלקען, זאגט ער, איז א פארא וואס נעהט פון קאכענדיגען וואסער, א וואלקען האט ניט קיין מויל, זאגט ער, ער טראנקט זיך גאר ניט אן, א וואלקען איז ניט אנגעדיכטע שווערע זאך, און עס איז א ליגען וואס אונזערע אבות אבותינו האבען געמיינט; אפילו דאס וואס נים להבדיל ערצאהלען אז מען געפינט גאנצע שטיקער וואלקען, זענען

זיי פּאַניצעס אונ ליגנער, זאָגט ער. וואָרום וואָלקען איז פּאַרע, האָט ער זיך אין קאָפּ צריינגענומען אונ פּאַרא פאַלט ניט אַראָב אונ מען קאָן עס מיטן האַנד ניט אָנגעהמען. אונ זי? דאָס נאַרישׁ מאָדעל זאָגט ניט אַז ער איז משׁוגע, משׁוגעים פּאַניצעס, קומט ביי איהר אויס זענען גאָר יודען וואָס טרינקען אַביסעל בראָנפען...— ביי מיר, איהר מאָנט מיר גלויבען, האָט ער בעת מעשה אַ פּנים געהאַט, וויא אַ משׁוגע אָדער אַ שׁכּור, נור ער איז מיר דאָך פאָרט אַ ליעבער גאַסט געוועזן, אָט האָב איך געשוויגען אונ דאָס האַרץ האָט מיר וועה געטהון, וויא איז דאָס אַ מענש אַזוי פערבלאָנזעט?

— אַי מוז דאָס זיין אַ שׁוטה, אַ פּתי, רחמנא לצלן! האָט דער חסיד, אויסגעשריען, אַז איך וואָלט דערביי געוועזן, וואָלט איך איהם געזאָגט, אַז אַ פּאַרא איז ביי איהם אין קאָפּ. איך געדענק עס נאָך ווי היינט: איך אַליין האָב געזעהן אַ גרויסע שטיק וואָלקען, בעת איך בין נאָך געוועזן אַ קינד פון זיבען יאָהר, אַ גוי, האָט עס געפונען, אונ האָט געבראַכט צום טאַטען עליו השלום אין שענק אַריין, דער טאַטע ז"ל האָט עס אָבגענעקויפט פאַר אַ האַלב קוואַרט שפּיריט, געוועגען האָט עס פונקט דריי פונט, דאָס האָט אַ געלע פאַרב, גליציג אַזוי וויא פּוטשא, נור אַז עס טרעאַנקט זיך אָן מיט וואַסער ווערט עס אַמאָל גרוי, אַמאָל שוואַרץ, עס האָט געקאָנט אויסטרינקען אפשר פופציג עמער וואַסער. איך דערמאָן מיך וויא איינמאָל בעת דער פענסטער איז אָפען געוועזן האָט עס זיך אַ הייב געטהון אונ אַרויפגעפלויגען צום הימעל אונ איז נעלם געוואָרן עד היום הזה!

— אונ איך וואָלט אַזאַ תינוק בן יומו זאָגען, האָט זיך נאָך אַ חסיד אָבגערופען מיט אַ גמרא נגון: זאָג מיר דו שׁוטה, וויא אַזוי זאָגסטו, אַז אַ וואָלקען איז פּאַרא אונ ניט אַ בריה בפני עצמה וואָס האָט אַ מויל אונ טרעאַנקט זיך אָן? סטייטש, עס טרעפט דאָך אַמאָל: עס רעגענט מיט פיש, מיט הערינג? אונ דאָס איז נור אַ יתכן וויא לאַנג מיר וועלן זאָגען אַז דער וואָלקען האָט אַ מויל אונ זופּט אַריין דאָס וואַסער אין זיך, אָט אַז איהם פּאַפּאַדיעט זיך פיש בעת מעשה שלעפּט ער זיי אויך אַריין מיט דעם וואַסער אונ דער נאָך אַז ער שפּייט דאָס וואַסער צוריק אַרויס שפּייט ער אויך די פיש אַרויס; אָבער אַז איך זאָל זאָגען, אַז וואָלקען איז גלאַט פּאַרא, טאָ פון וואַנען רעגענט אַמאָל מיט פיש? זעהט מען דאָך טאַקי ווי דאָס האָט קיין שכל ניט! דער תירוץ איז פּשוט: אַ יאַלקען איז אַ וואָלקען, אַ רעגען איז אַ רעגען, אונ יענער איז אַ שוטה וואָס קלערט נאָר דאַריבער!.

— אָבער ערלויבט מיר איך צו פרעגען, האָט רחל'ע געזאָגט. איהר אַליין האָט טאַקי געזעהן אַז עס רעגענט מיט פיש?

— וואָס אמת איז אמת, האָט דער חסיד געענטוואָרט, איך אַליין האָב עס ניט געזעהן, אָבער דאָס איז אַ דבר ידוע אַ בעוואוסטע זאַך, מיר אַלע האָבען עס ערצאָהלענדיג געהערט.

— קאָן דאָך זיין, אַז יענע האָבען אַ ליגען ערצאָהלט? האָט זיא אויך אין זעלבען טאָן אויסגערעדט. אַז איהר ווילט גלויבט עס, איך בין נאָך ניט מחויב עס צו גלויבען.

— העט, העט, העט! צו וואָס זיא האָט זיך דערערעדט! האָט דער ערסטער חסיד

סנעשריען, אט פון וואגען עס קומט צו אייער טאכטער, צו לאבען פון אונז חסידים וואס מיר טרינקען ברוינפען! הערט איהר שוין האטש חייעלע. וואס זי זאגט? זי איז גאר ניט מחויב צו גלויבען א וואה! צו ווייט האט זי אט דער פלימעניק אייערע געמוזט פארפיהרן! באלד וועט אזא נארריש מאדל זאגען זי גלויבט אין אונזער תורת הקדושה אויך ניט, אונ עס איז גאר קיין בורא ניטא. אלץ איז א דרך הטבע. וואלקען איז א פארא דיא וועלט איז א קדמון אונ האט זיך אליין בעשאפען אונ דער סוף וועט זיין ... איך וויל שוין אזוי ווייט ניט רעדען .... ר' שלמה, ביי אייך איז דאס רעכט?

— מיין פלימעניק איז ניט משוגע, האט ער געאנטפערט, זיין קאפ טראגט איהם אי אויף תורה, אי אויף חכמה, ער האט א פייערינגען קאפ, נור ער איז ניט קלוג. וואס ער האט געשמועסט וועגען אזעלכע ענינים מיט איהר: איהר קאפ טראגט גאר גיט דארויף. ניט צו דעם איז זי בעשאפען געווארן! דיר רחלע, זאג איך, האט ער זיך צו רחלען געווענדעט, דו זאלסט דיר די פוסטע חקירות פון דיין קאפ ארויסשלאגען. הארסטו? אז קומען זיך צוזאמען יודען חסידים, נעהמען א ביסעל משקה אין מויל אויף א סעודת מצוה'לע, זאל דאס דיין דאגה ניט זיין; טרינק דו ניט, אז דיר געפאלט ניט, אונז יודען זאלסטו גאר קיין דעה ניט זאגען, ווארום דו ווייסט נאך גאר ניט וואס יודען זענען, פערשטעהסטו וואס מען רעדט צו דיר?

רחלע האט איהם אנגעקוקט, מיט זעהר א טרויעריגען בליק. וויא זיא וואלט דערמיט געוואלט איהם פרעגען: „אויך איהר, מיין ליעבער פעטער?..."

א דאנק אייך, שוואגער, האט זיך חייעלע ארויסגעחאפט האבסט צופרידען. טויזענד דאנקען אייך, לעבען זאלט איהר, פאר אייערע קלוגע רייד! אז דיא מאמע רעדט דאס צו איהר יעדען טאג, וויל זיא דאך גאר ניט הערן אונ בלייבט זיך ביי דאס איהריגע, אט זאל זיא וויסען אז איהר קלוגער פעטער איז אויך אזוי משוגע, ווי איהר מאמע; משוגע זאלען ווערן אונזערע שונאים. רבונו של עולם!

— לחיים יודען! האט ר' שלמה א זאג געטהון צום דריטען מאל. אונ האט דעם כוס אויסגעטרונקען ביז'ן דעק.

— ווי קומסטו גאר צו וויסען וואס איז א יוד אונ וואס איז יודעשקייט? האט ער ווייטער צו רחל'ען גערעדט. וואס איז טייטש א יוד א חסיד? שוטה, קינד, נעה זיך דיר! דיין מאמע אין דיינע יאהרן האט מעהר פערשטאנען פאר דיר, דערפאר איז זיא טאקי א אשה כשרה, א חסידה א אשה, זי וויים. אז איהר שוואגער איז ניט א פיאניצע חלילה, אפילו ווען ער נעהמט א ביסעל משקה. ניט אלע טאג. בין איך שכור א יודישע זאך, אונ דוא, אז דוא קוקסט אויף אונז ווי אויף שכורים, האב איך דיך פיינט, דוא ווייסט ניט וואס יודישקייט איז אונ געה זיך דיר ווייטער!

רחלע איז פון טיש אוועג געגאנגען, אונ האט איהר ברודערלס חברים'לעך ארייגעפיהרט אין גאסטינגע. דארט האט זי פאר זיי א טיש געגרייט, אונ דיזע זענען רוהיגער אונ אנשטאנדיגער ביים טיש געזעסען אלם דארט די גרויסע, זיי זענען איהר אויך ליעבער געוועזן. זיא האט נור בעדויערט, וואס פון דיזע שאנע קינדער וועלן אויך אמאל אזעלכע מענשען ווערן ווי יענע, וועלכע האבען זי איצט אזוי בעליידיגט,

און דאס איז אלץ איבער דעם. האט זיא זיך ערקלארט. וואס דער ליעבער פאטער איז ניטא! זעלבסט מיין פעטער איז היינט ניט אזוי גוט און ניט אזוי קלוג. אויך ניט אזוי געטריי מיר און זיין פלעמעניק. ווי ער איז דאמאלס געוועזן אין ליעבען פאטער'ס געגענווארט. א. פאטער ליעבער. ווען וועסטו שוין צוריק קומען? אהן דיר מאג יעדער דיין קינד זאגען זיין נארישען מוסר און מיך בעליידיגען גאר אומזיסט!..״ זי האט זיך דערמאנט וואס ער שרייבט אין זיין לעצטען בריוועלע: ער וואלט שוין לאנג אין דערהיים געוועזען, נור ער פיהלט זיך עפיס ניט ביים גאנצען געזונד און האט מורא אין א וועג זיך צו לאזען וואו ער דארף מעהר וויא הונדערט ווערסט פער אקס פאהרן ביי איצטיגע קאלטע און פייכטע וועטערן. „גאט וויים, וואס מאכט דארט דער ליעבער פאטער!?״ האט זיא אויסגעשריען פלוצלונג. בעשיטצע איהם גאט אין הימעל. דוא ביזט דאך איבעראל, זעלבסט אין דעם קליינעם שטעדטעל אין רוסלאנד, וואו יודען זענען דארט ווייניג. מיין ליעבער פאטער ווארט דארט איצט אויף דיין הילף, שיק דיין רפואה איהם און ברענג איהם צוריק צו זיינע קינדער וואס בענקען נאך איהם אזוי שטארק!

און דארט אין גרויסען צימער האט דער פעטער זיין כעס אויסגעלאזען צום שפירים. נור דער שפירים האט זיך ניט אויסגעלאזען: די טרייע שוואגערין האט אלץ פרישע דערלאנגט. אויף להכעיס דעם נארישען מאדעל וואס זאגט אז וואלקען איז גאר א כפרה. און וואס ווייס ניט וואס יודען און יודישקייט זענען, ביז מען איז רעכט שיכור און פרעהליך געווארן. ר׳ שלמה האט, ווי אלע מאל, זיך פאנאנדער געוויינט און צוגעטולעט די קליינע קינדער צו זיך, געקושט, און געשריען: דער פעטער, איז ניט א פיאניצע! א ליגען זאגט זיא, וויא איך בין א יוד, א ליגען, איך בין ניט שכור! איך בין נור מלא שמחה, וואס דו, מיין קינד, קענסט לערנען און האסט חומש אנגעהויבען!

— און דו, פרינצעסן, האט ער געזאגט אריינקומענדיג זיך וויגענדיג צו רחל'ען אין איהר ריין צימערל. און דוא, זיי ניט קיין אויפגעקלארטע פרינצעסן, זיי א יודישע טאכטער, גיב א קוש דיין פעטער אין האנד פאר זיין מוסר!.

רחל'ע האט איהם אין האנד א קוש געטהון. — פעטער, האט זיא געזאגט, און איהרע שאנע אויגען זענען פאל געווארן מיט טהרערן, האט איהר געלעזען דעם פאטער'ס לעצט בריוועלע? ער שרייבט: ער איז ניט געזונד!

— וועט ער געזונד זיין! האט ער געאנטווערט, גיב א ביסעל משקה וועל איך זאגען: „לחיים״, וועט ער געזונד זיין! זאל ער טרינקען לחיים, וועט ער געזונד זיין! טרינק דוא לחיים, וועט ער געזונד זיין!

אין דיא רייד איז ער אראפגעפאלען אויף רחל'עס ריין בעט מיט דיא קוטהיגע שטיוועל וויא ער שטעהט און געהט. רחל'ען האט דאס הארץ וועה געטהון צו זעהן וויא איהר קלאר ווייסע בעט דעקע מיט די טהייערע קרוזשיווע ווערט איינגעשמוטצט. זיא האט געוואלט איהם דיא שטיוועל אראבציהען, ער האט אבער א שיכורן גרעבס געטהון און האט דיא אנדערע פוס מיט דיא קוטה אויפ'ן בעטעל ארויפגעלעגט, און נאך געשטאמעלט די ווערטער: וועט - ער געזונד זיין!. געזונד - זיין - געזונד — און איז אזוי מיט א אפענעם מויל איינגעשלאפען.

אז זיא איז אין א שעה ארום אריינגעקומען זעהן צו האט זיך שוין דער פעטער אויסגעניכטערט, האט איהר דער אטהעם פערהאפט פון דעם שלעכטען ברוינפען גערוך, וואס דא איז געוואָרן; דיא קישענס, דיא דעקע אונ דאס קליין קאוויאר'ל געבען איהר בעט, אלץ איז פעראונרייניגט געוואָרן פון דיא ליעבע פאלגען פון א איבער געטרונקענעם מאַגען. צוויי טאג האט זיא אין איהר אימער ריין צימערל ניט געקאנט אריינקומען. מען האט געמוזט געגנוג וואַשען, רויכערן, איבערציהען איהרע קישענס. פערשפרייטען א אנדער קאוויאר, ביז דאס צימער האט בעקומען זיין פאָריגען געשטאלט, אבער ביי איהר אים הערצען איז דאס ביטערע געפיהל געבליבען וויא פריהער.

אין א וואך ארום נאך דיזער בעגעבענהייט, האט זיך געמאכט א פרישע שמחה: ר' פנחס'ל דעם רבינ'ס נכבאי האט דורכפאהרענדיג זיך אבגעשטעלט סטאנציע ביי חייעלען. חייעלע האט איצט א געלעגענהייט געהאט אויפצונעהמען דעם טהייערן גאסט מיט כבוד, וויא זיא פערשטעהט.

ר' פנחס'ל איז געוועזען א יוד פון קרוב צו פונפציג יאהר. א רויט געזיכט, א געדיכטער געלער בארד, וואס דיא זייטען האבען שוין אנגעהויבען ווייס צו ווערן. נידריג געוואקסען, ברייטע פלייצעס, מיט א פעטען קארק אונ בויך וועלכער איז מיט א ברייטען זיידענעם גארטעל אונטער געבונדען געוועזען; דורך זיינע קליינע אויגלעך האט ארויסגעקוקט ליסט אונ שווינדעל. נאך איהם זאל לעבען, איז קיין גראָבערער צדיק ניט געוועזן ווי ער. זיין יעדעס מאל קומען דא אין קליינין האט אנגעמאכט א רושם פונקט, ווי ער זאל לעבען, וואלט געקומען בכבודו ובעצמו. חייעלע האט געוואוסט, וויפיעל עס ליגט אין זיין מאכט איהר גוטס צו טהון, בעת זיא וועט זיין ביים רבין, וואו ער איז די צווייטע האנד זייגע, דאריבער איז זיא גליקליך געוועזן דערמיט וואס זיא איז אזא חשובה אין זיינע אויגען אונ ער איז פארפאָהרן גלייך צו איהר, האטש איהר מאן איז איצט אין דערהיים ניטא.

דעם גאנצען טאג, האט מען געקוילעט עופות, געקאכט אונ געבאקט. צו מיטטאג האבען געגעסען א פאאר מנינים יודען, ר' פנחס'ל האט תורה געזאגט, וויין געטרונקען אונ חסידים האבען געזונגען. חייעלע איז צו ליעב דעם גאסט אויסגעפוטצט געוועזען מיט דיא שאנסטע קליידער אונ טהייערסטען צירונג, לייט האבען איהר גדולה, איהר נחת מקנא געוועזן אונ זיא אליין איז געוועזן איבער גליקליך.

רחלע האט דעם טאג געוויינט: זיא האט פון איהר פאטער שוין צעהן טאג קיין בריעף ערהאלטען. היינט איז מיטוואך, דער טאג וואס קומט אן דיא פאסט אין קליינין, דער פאטצטעליאן, האט געבראכט עטליכע בריף פון אנדערע בעשטעלונגען אויף ביר אונ הייוועץ, אבער דער רעכטער בריף, וועלכען זיא האט אזוי אונגעדולדיג ערווארטעט, איז נאך היינט אויך ניטא, אונ דיא שמחה, דער טומול, דאס געזאנג אונ יום טוב וואס דא איז איצט אין שטוב, האבען זיא אזוי אויפגערעגט אז זיא האט זיך קיין ארט ניט געפונען.

וואס פרעהען זיי זיך? האט זיא ביי זיך געפרעגט, איז ווירקליך משיח גע־קומען? ניין, משיח קאן אזא פנים ניט האבען אונ וועט יודען ניט אזוי אויסלעדיגען

זייערע קעשענעס וויא ער, ער, ר' פנחס'ל נעהמט אונ פראנט גאר ניט: צו קאן מען געבען צו ניט; וויפיעל ארעמע, מיט טהרערן בעגעמצטע רובעלס האט ער היינט צו גענומען זעלבסט ביי אזעלכע וואס איז ביי זיי אין דער היים א ביסען ברויט ניט געבליבען! אך, וויא ביטער איז עס צו צוקוקען אונ ניט דארפען א ווארט אויסרעדען! אונ וואס איז דער מאמעס שמחה יעטצט אזוי גרויס? האט זיא ניט געכטען געוויינט וואס איז פון איהר ליעבען מאן קיין בריף ניטא? גאט ווייס וואס דארט איז איהם געשעהן חלילה!..

פאר נאכט איז חיה'לע א פרעהליכע צו רחל'ען אריינגעקומען. — קום שיין טאכטער, ר' פנחס'ל וויל דיך זעהן, האט זיא געזאגט. אז עס וועט בעשערט זיין, האט ער פאר דיר א חתן אלייט, א גביר'ס א זיידען קינד, א בן יחיד. אונ דיין מאמע וועט דיך נאך זעהען אין אייגענע קארעטען פאהרענדיג!

רחל'ע האט איהר כמעט ניט געקאנט בעהאלטען. זיא האט נור דאס געזיכט פון דער מוטער אבגעקעהרט.

— דוא נארעש קינד! האט די מוטער ווידער אנגעהויבען. וואס שאמסטו דיך? ר' פנחס'ל איז ניט א מחותן, א שדכן נור וויל ער דיר זיין. פערשטעהסטו גאר וואס פאר א זכות דאס איז? דערמאן זיך נור ר' פנחס'ל!..

— מוטער, שוין ווידער מיטוואך אונ קיין בריף פון פאטער איז נאך אלץ ניטא.

— וואס זארגסטו מעהר פאר מיר? האט זיך חיה'לע אבגערופען. מסתמא פאהרט ער שוין, אפשר דערפאר שרייבט ער ניט.

— לאז מיך, איך בין נאך קיינמאל אזוי אונרוהיג ניט געוועזן ווי היינטיגען טאג.

— איך וועל מיט ר' פנחס'לען א פדיון שיקען צום רבין זאל לעבען, ער זאל מתפלל זיין פאר דעם פאטער דיינעם. פאר מיין טהייערען מאן, זאל ער מיר אויסלעבען דיינע הונדערט אונ צוואנציג יאהר, האט חיה'לע איהר קינד אונ זיך געטרעסט. איך וועל פאר, דיר מיין טאכטער, אויך ניט זשאליעווען א פדיון, זאל דער רבי פאר דיר אויך בעטען, דיר זאל פון דיין הארצען דיא אונמוטהיגקייט דיינע ארויס אונ זאלסט נור פרעהליך זיין!

אין דעם זעלבען אבענד האט חיה'לע ר' פנחס'לען ערצעהלט איהר דאגה וועגען דעם וואס איז פון איהר אלטען קיין בריף ניטא באלד צוויי וואכען; אויך איהר צער וואס איהר ליבע טאכטער איז אזוי אונמוטהיג, אז זיא הערט פשוט ניט אויף צו וויינען פון דעם טאג אן, וואס איהר פאטער איז אוועג געפאהרן.

ר' פנחס'ל האט דיא פדיונות צוגענומען אונ חיה'לען בערוהיגט: עס וועט קיין באז, אם ירצה השם, ניט געשעהן !, אייער מאן וועט קומען א פרישער אונ א געזונד-טער. — נור אייער טאכטער'ל, חיה'לע, האט ער שטיל געזאגט, זאלט איהר אין גיכען א חתן געבען: א מאדעל אז עס ווערט אונמוטהיג, איז א סימן אז עס איז שוין צייט, חיה'לע!..

איהר קינד צו פערענטפערן האט זיא איהם ערקלערט, אז ניט דאס איז חלילה דיא אורזאכע פון איהר אונמוטה, שולדיג אין דעם איז איהר שוועסטערקינד משה'לע וואס האט איהר מוח צו מישט מיט זיינע חקירות. קיין נוטס זאל ער דארט ניט

ריסֶעו! הָאט זִי גֶעשָׁאלְטֶען, פוּן סְכּוֹת אָן, ווייס אִיךְ נִיט וָואס אִיז מִיט מַיין קִינְד גֶעוָוארֶן! ר׳ פִּנְחָסֶ׳ל הָאט צוּגֶעבְּרוּמְט קְלַאפֶּענְדִיג מִיט זַיינֶע פִינְגֶער אוֹיפְן טִישׁ.

– חַיֶעלֶע, הָאט עֶר אוֹיסְגֶערֶעדְט, נָאךְ דֶעם עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט עֶר אִיז מִיט אִיהר אַלֵיין, זַייט ווִיסֶען, אִיהר הָאט מִיט אַייעֶר קִינְד אִיצְט אַ גְרָאסֶערֶע דַאְגָה אַלְס מִיט אַייעֶר מַאן ווֶעלְכֶער ווֶעט אי״ה אִין גִיכֶען קוּמֶען לְשָׁלוֹם. אַייעֶר קִינְד אִיז אַ גְרוֹיסֶער חוֹלֶה, אַ חוֹלֵה נֶפֶשׁ, אִיהר נְשָׁמָה אִיז בַּיי אִיהר אָנְגֶערִיהרְט. דֶער פְּלֶעמֶעניק אַייעֶרֶער, ווִיא אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה, פוּן אַייעֶרֶע אֵיינֶענֶע ווֶערְטֶער, אִיז אַ גְרוֹיסֶער אַפִּיקוֹרוֹס, עֶר הָאט אַייעֶר טָאכְטֶער פֶערְפִיהרְט, אַ יְפַת תּוֹאַר אַ מֶאדֶעל אִיז זִיא, עֶס אִיז נָאר בַּיים ווֶענ, אַז זִיא אִיז אִיהם גֶעפֶאלֶען, זִיא אִיז חַייֶעלֶעס אַ פְרוּם קִינְד, הָאט עֶר נוּר אִיהר הַארְץ גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען, זִיא דֶענְקְט נוּר נָאךְ אִיהם! מִיט אַזֶעלְכֶע ווִילְדֶע חֲקִירוֹת, ווֶעט שׁוֹין פוּן אִיהם קַיין גוּטְס נִיט זַיין. חַייֶעלֶ׳ע, אַייעֶרֶע זְכוּת אָבוֹת שְׁווַייגֶען נִיט, אַייעֶר צְדָקָה הָאט מֵגֵין גֶעווֶעזֶען אִיךְ זָאל גָאר נִיט גֶערִיכְטֶערְהֵייט דָא פֶערְפָארֶן צוּ אַייךְ אוּנ גֶעוָוארֶר ווֶערֶן פוּן דֶער גֶעשִׁיכְטֶע... אִיךְ זָאג אַייךְ צוּ: עֶר זָאל לֶעבֶּען ווֶעט מְתַקֵן זַיין מִתְחַמֵא ווִיפִיעל עֶס ווֶעט זִיךְ לָאזֶען, נוּר אִיהר זָאלט שׁוֹין אַ אָפֶּען אוֹיג הָאבֶּען אוֹיף אַייעֶר קִינְד. אַ עֲבֵרָה זָאג אִיךְ אַייךְ, אִיהר קָאנְט פִיעל נַחַת הָאבֶּען פוּן אִיהר אַז זִיא זָאל, אִם יִרְצֶה הַשֵׁם, ר׳ הֶענִי׳ס שְׁנוּר ווֶערֶן, זֶעהט זִיא זָאל דַאווֶנֶען. דַאווְנֶען, דַאווְנֶען, חַייֶעלֶע!

חַייֶעלֶ׳ע, הָאט זִיךְ מִיט טְרֶערֶן בֶּעגָאסֶען, ווִיא אַ טְרַייֶע מוּטֶער וָואס דֶערְזֶעהט אִיהר קִינְד אַ טְרִיט פוּן אוּנְגְלִיק.

– זֶעהט, חַייֶעלֶ׳ע, אַז זִיא זָאל דַאווְנֶען, הָאט ר׳ פִּנְחָסֶל אָנְגֶעזָאגְט נָאךְ אַמָאל בְּעֵת עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעגְנְט.

– ווָאס אִין מַיינֶע כּחוֹת ווֶעלֶן נָאר זַיין ווֶעל אִיךְ מִתְחַמֵא טְהוּן, טְהוּט אִיהר אוֹיךְ ר׳ פִּנְחָסֶ׳ל, ווָאס אִיהר קָאנְט, פֶערְגֶעסְט נִיט מַיין אָרֶעם קִינְד, הָאט חַייֶעלֶ׳ע גֶעבֶּעטֶען.

הַאלְבֶּע נַאכְט אִיז ר׳ פִּנְחָסֶל אַוֶועקְגֶעפָאהרֶן, חַייֶעלֶ׳ע אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהר טָאכְטֶער, דָארְט הָאט זִיא מִיט הֵייסֶע טְרֶערֶן, רָחֶלֶע׳ן עֶרְצֶעהלְט ווָאס ר׳ פִּנְחָסֶ׳ל הָאט גֶעזָאגְט, אוּנ הָאט מְשֶׁה׳לֶען מִיט שְׁווֶערֶע קְלָלוֹת גֶעשָׁאלְטֶען.

– שֶׁעלְט מִיךְ בֶּעסֶער, מוּטֶער, ווָאס הָאסְטוּ צוּ אִיהם? הָאט רָחֶלֶע גֶעבֶּעטֶען, מִיר זָאל דִיא בֶּאז בֶּעגֶעגְנֶען, ווָאס עֶר הָאט מִיר גֶעטְהוּן, אַךְ, נָאךְ דָאס הָאט מִיר גֶעפֶעהלְט!

זִיא הָאט בַּיי דֶעם בִּיטֶער גֶעווֵיינְט. דִיא מוּטֶער אִיז גֶערִיהרְט גֶעוֶועזֶן.

– דַאוֶוען, מַיין קִינְד, רוּף צוּ גָאט, עֶר ווֶעט דִיר אֶנְטְפֶערְן! הָאט דִיא מוּטֶער גֶעטְרֶאסְט, מָארְגֶען אִיז אַ בְּלוֹיז דָאנְנֶערְשְׁטָאג, עֶס ווֶעט נִיט שַׁאדֶען זָאלְסְט אוֹיךְ פַאסְטֶען מָארְגֶען אוּנ תְּהִלִים זָאגֶען, בִּיז גָאט בָּרוּךְ הוּא ווֶעט זִיךְ עֶרְבַּארֶעמֶען אוּנ צוּקֶערְן צוּ דִיר צוּרִיק דָאס לִיכְט פוּן דַיין אַנְגֶעזִיכְט, דִי טוּמְאָה ווֶעט אַרָאפּ אוּנ דוּא ווֶעסְט גֶעזוּנְד ווֶערֶן, דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען ווֶעט שׁוֹין דָאס זַיינִיגֶע טְהוּן פַאר דִיר. אִיךְ ווִיל נָאךְ נַחַת פוּן דִיר הָאבֶּען, מַיין לִיעב קִינְד!

אוֹיף מָארְגֶען, אַז רָחֶלֶע אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, הָאט דִיא מוּטֶער אִיהר אַזוֹי גֶעפְרֶעגֶען אִיהר ״קָרְבָּן מִנְחָה״: – דַאוֶוען מַיין קִינְד! הָאט זִיא מַיי גֶעבֶּעטֶען, דַאוֶוען אוּנ

פאסט היינט, דו װעסט זעהן ווי גיך דו װעסט מיט זיינער הילפע, געהאלפען װערן!

װען איין אונערקלערליכע אנגסט פייניגט דאס הערץ ביז מען געפינט קיין ארט ניט וואו פון אונרוהע זיך צו בעהאלטען דאן איז דער מענש ווי איינער װאס טרענקט זיך און האפט זיך אן א שטרויה אדער זעלבסט אן א שארף פון א שװערד זיך צו רעטען. עס העלפט דאן קיין חכמה און אויפקלערונג. װאס פאר א מיטעל איינער זאגט, פרובט מען גאר אהן בערעכנונג אויף די ווירקליכע ווירקונג פון דעם. רחלע׳ס הערץ האט זיך געטרונקען ווי אין א ים פון זארג און אנגסט איבער דעם פאטער׳ס געזונד. זיא האט אליין זיך ניט געקאנט ערקלערן: פאר װאס איינענטליך איז זי איצט אזוי אונרוהיג; ניט דאס ערשטע מאל איז דער פאטער אװעקגעפאהרן, ניט דאס ערשטע מאל האט זיך פון איהם א בריף פערשפעטיגט אויף א װאך אדער אויף צוויי; אמת, זיא פלעגט דאן אויך באנגען און אונרוהיג זיין, אבער אזא װעהטיג וויא איצט האט זיא נאך קיינמאל געפיהלט. פאר װאס? װאס איז געשעהן? און ווייל זיא האט קיין אנטװארט ביי זיך ניט געפונען האבען דיזע פראגען זי נאך מעהר געפייניגט און זיא פלעגט דיא טאג אין טהרערן און די נאכט אין שרעקליכע חלומות פערברענגען; דאריבער האט זי אויך יעדעם מיטעל אנגעווענדט װאס נור מען האט איהר געזאגט.

זי האט די יאמערנדע שטימע, װאס שרייט איהר פון הערצען ארויס, געװאלט פערקלינגען מיט דאווענען, מיט תהלים זאגען, זיא האט זיך אליין געװאלט איינרעדען אז עס איז קיין באז ניט חלילה און זי האט איצט מיט איהר אונרוהיגען הערצען געטהון ווי מאנכע מוטער טהוט מיט איהר אונרוהיגען קינד: װאס שטארקער דאס קינד שרייט און וויינט פון ערגעץ א שמערץ װעלכע זיא מערקט ניט, דאס שטארקער קלינגט זי מיט איהר בונדט שליסלען פאר זיינע פערוויינטע אויגעלעך, אדער װען זי איז געװאהנט מיט א לידעלע עס איינצוזעהמען, שטייגערט איהרע שטימע אלץ העכער און העכער; דאס ליידענד קינד אבער װערט מיט דעם ניט געהיילט. רחלע׳ס הערץ איז ניט רוהיגער געװארן האטש זי האט היינט אזוי פרום און ערענסט געדאװענט ווי נאך קיינמאל אין איהר׳ס לעבען, איהרע טהרערן האבען דעם הארטען שטיין, װעלכער איז — גאר אונבעװאוסט פון װאנען אין איהר הערצען געלעגען — ניט װייכער און ניט גרינגער געמאכט; זעלבסט דאס פאסטען האט איהר נור אויף אזוי פיעל געהאלפען וויפיעל עס העלפט דאס רייסען זיך די האר פון קאפ בעת עס איז אונמעגליך העפטיגע צאהנשמערצען איבערצודולדען. זי האט היינט אביטערן שװערן טאג איבערגעלעבט.

די מוטער אבער, האטש זי האט רחמנות געהאט קאנקענדיג אויף איהר קינד, האט געהאפט און זיך געטראסט ווי אויף א גליקליכע אפעראציאן װאס װעט איהר רחל׳ען צוריק געזונד מאכען, „נישקשה, האט זי פייגען געזאגט, אז די אלטע האט געװאלט ניט דערלאזען רחלען פאסטען, נישקשה פייגע, רחמנות איז א אכזריות, איהר װעט זעהן מיט װאס פאר אפעטיט זי װעט דערפאר מארגען עסען, זי איז קראנק, אלע רפואות זענען ביטערע, דערפאר אבער היילען זיי, זאל איהר דער תענית צו רפואה זיין!

עס איז נאכט געװארן, די מוטער האט צוגעגרייט פאר איהר קינד זיך אפצופאסטען, רחלע האט מעריב געדאװענט נור איידער זיא האט נאך צייט געהאט

אָנצובייסען האָט מען אַ טעלעגראַמע אַריינגעטראָגען. חייעלע האָט דיא טעלעגראַמע אויפגעריסען אונ געגעבען רחלען לייענען. זיא האָט אַליין קיין רוסיש ניט געקענט. קוים אָבער האָט רחלע אַ קוק געטהון אויף דיא ווערטער זענען איהר דיא אויגען פינסטער געוואָרן. דאָס לשון איז איהר אָבגענומען געוואָרן. עס האָבען זיך איהרע פיס אונטערגעבראָכען אונ זי איז ווי אַ טויטע צו דער ערד געפאַלען. עס איז געוואָרן אַ געוואַלד אַ סומאַטאָכע. קיינער האָט ניט אין דער טעלעגראַמע געזוכט דיא אורזאַכע פון איהר חלשן אָבער אין דעם תענית וואָס האָט זי אַזוי אָבגעשוואַכט אונ מען האָט די טעלעגראַמע פערגעסן. מען האָט זי אָבגעמינטערט, אונ זי האָט ווידער געחלשט. מען האָט דעם דאָקטאָר געבראַכט. איהר שאָנע צאַרטע שטערן פאַל וואונדען געמאַכט פון דריקען איהרע שלעפען. איהרע פינגער צובלוטיגט פון שטאָכען זי מיט שפילקעס אונטער דיא נאָגעל. זי פלעגט אויף אַ מינוט אָפּענען איהרע אויגען. אַנקוקען פערווישט וואָס אַרום איהר איז. רעדען האָט זי ניט געקאָנט: דאָס הערץ וואַר טוידט אינ פערקיהלט אין איהר פון דעם פייל וואָס האָט עס געטראָפען אונ זיא האָט איהרע אויגען צוריק צוגעשלאָסען אַזוי שטום אונ שטיל וויא זי האָט זיי געעפענט....

## ג.

אין גרויסען בית המדרש איז היינט צו ברכו כמעט אַ מנין מענשען ניט געוועזען. אַלע זענען געקומען דאַוונען ביי חייעלען. דיא טהירען זענען אָפען געשטאַנען, דיא דילען אָנגעטרעטען וויא אין אַ מקום קדוש, די טישען, שטוהלען אונ פענסטער פערלענט מיט בגדים, פעלצען אונ פאַלטעס, מיט „טלית אונ תפילין זעק״ אונ זעקלעך פון אַלערליי מינים מאַטעריא. דיא גרויסע שפיגלען אונ קאַרטינעס אויף דיא ווענד פערהאַנגען אונ ליכט אַ סך האָבען טרויעריג געברענט אין גרויסע אונ קליינע פלאַמען. מאַנכע האָבען דעם אַרבעל פון ליינקער האַנד אַראָפּ געצויגען אונ מאַנכע האָבען דעם צוזאַמענגעלעגטען טלית אַריבערגעלעגט איבערן פלייצע אונ די פינגער האָבען איבער געקליבען דיא דיקע כפול שמונה פאָדעם פון דיא ציצית; נור דאַוונען פון פאָרענט זאָגען „אַ יודיש וואָרט״ האָט קיינער קיין צייט ניט געהאַט. אַלע זענען פערנומען געוועזן דערצאַהלענדיג אונ הערנדיג וואָס דאָ האָט נעכטען ביי נאַכט געטראָפען. איינער האָט ערצאַהלט: ער אַליין האָט אָקערשט אָבענד אַ געוואַלד דאָ דערהערט, איז ער אַריינגעלאָפען אונ האָט דערזעהן: וויא אַלע זענען געשטאַנען אַרום רחלען, מען האָט זיא געמינטערט, געשטאָכען אונטער די נאָגעל פון די פינגער, ביז דער דאָקטער איז געקומען אונ האָט מיט קאָפּלעס אונ מיט נאַסע טיכער, זיא קוים אָבגעמינטערט, אַז זי איז שוין צו זיך געקומען, האָט זי אַ געשריי געטהון: וואָס טויג מיר מיין לעבען, אַז איך האָב שוין מיין טרייען פאָטער ניט מעהר! ערשט איצט האָט מען זיך געחאַפּט צו דער טעלעגראַמע, אָט האָט מען זיך ערשט דערוואוסט אַז ר׳ לייזער איז געשטאָרבען. רחלען האָט מען אָבגעראַטעוועט האָט חייעלע אָנגעהויבען חלשן אַפילו פייגע האָט אויך געחלשט. עס איז אַ שאָנער עוסק געוועזן, דער דאָקטאָר האָט דאָ געמוזט זיטצען ביז טאָג. אַ רחמנות איז געוועזן אויף דעם אַלטען ר׳ שלמהן; ער

הָאט גֶעוויינְט ווִי אַ קְלֵיין קִינְד; אַז עֶר הָאט שׁוֹין קֵיין כּחַ גֶעהַאט צוּ וויינֶען הָאט עֶר גֶעבְּרוּמְט אוּנ גֶערִיסֶען דִי הָאר פוּן קָאפּ. וועֶר עֶס אִיז נוּר פוּן גַאס אַריינגֶעקוּמֶען הָאט מִיטְגֶעווייְנט. „אוּנ עֶס אִיז דָא וָואס צוּ ווִיינֶען, אַזַא בַּעַל הַבַּיִת, אַזַא בַּעַל טוֹבָה אוּנ בַּעַל עֵצָה, וֶועלן מִיר שׁוֹין אִין קְלֵיינִיץ אַזוֹי נִיךְ נִיט הָאבֶּען!“ הָאט דֶער עֶרְצֶעהלֶער אוֹיסְגֶעלָאזֶען.

„דֶעם מֶענְשֶׁענְס פִּיס זֶענֶען זַיינֶע עָרְבִים!“ הָאט דֶער קְלֵיינִיצֶער רָב–וָועלְכֶער אִיז דָא אוֹיךְ גֶעוֶועזֶן–פְּרוּם אַ זָאג גֶעטְהוּן, וָואהִין מֶען ווייזְט זֵיי אָן אַהִין פִיהְרֶען זֵיי דֶעם מֶענְשֶׁען“. אוּנְזֶער טְהַייֶערן ר׳ לֵייזֶערן עָלָיו הַשָּׁלוֹם, אִיז נִיט בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועזֶן, צוּ קֶבֶר יִשְׂרָאֵל צוּקוּמֶען נֶעבֶּען זַיינֶע עֶלְטֶערן, אָט הָאבֶּען אִיהם זַיינֶע עֲסָקִים אַוֶועק גֶעפִיהְרְט וַוייט, וואוּ עֶר אִיז גֶעבִּיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען צְווִישֶׁען פְרֶעמְדֶע לַייט. נָאךְ אַ זְכוּת, וָואס דָארְט אִיז דָא אַ יוּדִישֶׁע קְהִלָּה, מִסְתָּמָא אִיז דָארְט דֶער רָב פוּנ׳ם שְׁטֶאדְטֶעל בַּיי יְצִיאַת נְשָׁמָה גֶעוֶועזֶען, אוּנ הָאט דִיא דֶעפֶּעשֶׁע גֶעקְלַאפְּט. דִי קִינְדֶער זָאלֶען קַדִישׁ זָאגֶען. גֶעווִיס הָאט ר׳ לֵייזֶער אַ צַוָאָה גֶעלָאזֶען אוּנ אָבְּגֶעזָאגְט אַ אֵייגֶענֶעם אוֹיף צְדָקָה; דָא וָואלְט מֶען אִיהם מַסְפִּיד גֶעוֶועזֶן. עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ גֶעשְׁפְּרֶאךְ, וֶוענֶען זַיינֶע יָאהרֶן, אֵיינֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: „פִינְף אוּנ דְרַייסִיג“, אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעצֶעהלְט דִי יָאהרֶן פוּן זַיין עֶלְטֶעסְט קִינְד רָחֶלֶ׳עֶן, אוֹיךְ דֶערְמָאנְט דִיא יָאהרֶן פוּן דִי דִירוֹת וואוּ זֵיי הָאבֶּען גֶעוָואהנְט, בְּעֵת ר׳ לֵייזֶער אִיז בַּר מִצְוָה גֶעוָוארן אוּנ הָאבֶּען בֶּערֶעכֶענְט, אַז עֶלְטֶער ווִי אַכְט, נַיין אוּנ דְרַייסִיג יָאהר אִיז עֶר גֶעווִיס נִיט גֶעוֶועזֶן; נוּר דָאס הָאבֶּען אַלֶע מַסְכִּים גֶעוֶועזֶן, אַז חַייֶעלֶע אִיז נָאךְ אַ יוּנְגֶע יוּדֶענֶע, אוּנ זִיא וֶועט נָאךְ חוּפָּה הָאבֶּען, אַ רַחֲמָנוּת אִיז נוּר אוֹיף דִי יְתוֹמִים! נִיט אֵיינִיג אִיז מֶען גֶעוֶועזֶן נוּר אִין דֶעם: מַאנְכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט: „דֶער רַחֲמָנוּת אִיז גְרֶעסֶער אוֹיף דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וָואס זֵיי וֶועלֶן נָאךְ מוּזֶען אָנְקוּמֶען צוּ אַ שְׁטִיף פָאטֶער, אָבֶּער מִיט רָחֶלֶ׳עֶן אִיז קֵיין דַאֲגָה נִיט, ווַייל עֶס מָאגֶען זִיךְ נָאךְ אַלֶע ווִינְשֶׁען אֵיינֶענְס הָאבֶּען, וָואס אִיז פַאר אִיהר נַדַן גֶעבְּלִיבֶּען, אַזַא דַאֲגָה זָאל זַיין מִיט אַלֶע יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער!“ אוּנ מַאנְכֶע הָאבֶּען עֶרְקְלֶערְט, אַז אוֹיף רָחֶלֶ׳עֶן אִיז מֶעהר רַחֲמָנוּת, ווַייל זִיא הָאט גֶעוואוּסְט וָואס פַאר אַ טְרַייֶען פָאטֶער זִיא הָאט גֶעהַאט אוּנ ווִייס אִיצְט ווִי גְרוֹיס דָאס אוּנְגְלִיק אִיז אַז זִיא הָאט אִיהם אַזוֹי אוּנְגֶעריכְט פֶערְלָארן; אֱמֶת, זִיא וֶועט טַאקִי בֶּעקוּמֶען אַ חָתָן, אָבֶּער עֶר וֶועט שׁוֹין זַיין נִיט אַזַא וָואס עֶר וָואלְט גֶעוֶועזֶען וֶוען אִיהר פָאטֶער וָואלְט גֶעלֶעבְּט! דֶערְפַאר הָאט זִיא גֶעבֶּעטֶען אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעחַלָשְׁט אוּנ מֶען הָאט זִיא גָאר נִיט גֶעקֶאנְט דֶערְמִינְטֶערן. אֵיין זַאךְ הָאבֶּען אַלֶע מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען, אַז קְלֵיינִיצֶער חֶבְרוֹת הָאבֶּען אַ גְרוֹיסֶען הֶיזֵק גֶעהַאט וָואס עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, חֶבְרָה קַדִישָׁא הָאט בְּוַדַאי פֶערְלָארן וָואס עֶר אִיז נִיט דָא גֶעשְׁטָארְבֶּען.

אַזוֹי הָאט זִיךְ דָא דֶער עוֹלָם פֶערְרֶעדְט אוּנ מֶען הָאט גָאר ווִי פֶערְגֶעסֶען אַז מֶען הָאט זִיךְ דָא צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבֶּען דַאוֶונֶען אוּנ הַיינְט אִיז פְרַייטָאג אוּנ נָאךְ אֶפְשַׁר טַאקִי דֶער „קוּרְצֶער פְרַייטָאג“.

נוּר וֶוער עֶס הָאט דוּרְךְ דֶער הַאלְבּ פַארְהַאנְגֶענֶער טְהִיר אִין נָאסְטִיגֶע אַבַּייז גֶעקוּקְט אוּנ דָארְט דֶערְזֶעהן, וִויא חַייֶעלֶע זִיטְצְט אוֹיף דֶער עֶרְד, פֶערְבְּרָאכֶען דִיא הַאנְד, ווִינְט אוּם מִיט דֶעם קָאפּ הִין אוּנ צוּרִיק, נֶעבֶּען אִיהר דִי שָׁאנֶע רָחֶלֶע, וֶועלְכֶע

אִיז אִיצְט בְּלַאס װִיא דֶער טױט, דִיא שְׁטֶערן פֶערְבּוּנְדֶען, בֵּיידֶע הֶענְד צוּזַאמֶען גֶעשְׁלָאגֶען אױף אִיהר בְּרוּסְט, אִיהרֶע אִימֶער לִיכְטִיגֶע אֶנְצִיהֶענְדֶע אױגֶען פָאל מִיט טְרֶערֶען, אוּנ זִיא זִיטְצְט שְׁטִיל אוּנ קוּקְט נוּר אױף דָאס קְלֵיין שְׁװֶעסְטֶערל װָאס לִיגְט אױף דֶער עֶרְד אױסְגֶעצױגֶען דָאס קָאפֶּעלֶע אַײנְגֶעגְרָאבֶּען אִין אִיהר שױס; װֶער עֶס הָאט דֶעם אַלְטֶען װַײסְהָארִיגֶען שְׁלֹמֹה'ן גֶעזֶעהְן, װִיא עֶר זִיטְצְט אױף דֶער עֶרְד אִין אַ װִינְקֶעל אַלֵיין אוּנ טְרֶערֶען פַאלֶען אִיהם אִין גְרױסֶע טְרָאפֶּען אִיבֶּער זַיינֶע בְּרִילֶען אױף דֶעם שׁוּלְחָן עָרוּךְ אַרױף װאוּ עֶר לֶערְנְט אִיצְט הִלְכוֹת אֲבֵלוֹת, אוּנ דָארְט דִיא שְׁטַארִינְגָאװֶע לִיכְט אױף דֶעם מְרַאמָארְנֶעם װִינְקֶעל טִישֶׁעל װָאס בְּרֶענְט אִיצְט פַאר דִי רֵיינֶע הִימְלִישֶׁע נְשָׁמָה; װֶער עֶס הָאט דָאס אַלֶעס גֶעזֶעהְן דֶער הָאט װֵיינֶען נִיט גֶעקָאנְט דֶער אִיז נוּר פֶערְשְׁטֵיינֶערְט גֶעװָארן, נִיט גֶערֶעדְט, אוּנ נִיט גֶעװאוּסְט װָאס צוּ רֶעדֶען. — װַײבֶּער הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהױבֶּען קְלױבֶּען מַאנְכֶע מִיט קָרְבָּן מִנְחָה'ס אוּנְטֶער דִיא אָרֶעמ'ס אוּנ מַאנְכֶע אַ בִּיסֶעל אַײנְגֶעשְׁמִירְט אִין מֶעהל אוּנ אִין טֵייג, װִי עֶרְשְׁט פוּן אױװֶען װאוּ זֵיי הָאבֶּען זֵייעֶרֶע שַׁבָּת חַלָּה אַרַײנְגֶעזֶעטְצְט, אָדֶער אַרױס גֶענוּמֶען. אַלֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען נִיט גֶעבֶּעטֶען, אֵיינֶע גְלַאט צוּ הֶערֶען דָא „װִיא אוּנ װָאס“. אַנְדֶערֶע צוּ לִיעב אַ מִצְוָה אוּנ יוֹשֶׁר הַײעֶל'ען אִיהר כָּבוֹד אָבְּגֶעבֶּען אִין אַזאַ פַאל אױךְ. „קֵיין „גוּט מָארְגֶען“ „קֵיין „גוּט יָאהר“ נוּר שְׁטִיל זֶענֶען זֵיי אַלֶע גֶעשְׁטַאנֶען װִי דִי גַאנְצֶע זַיין מַאאס רֵייד װָאלְט זֵיי מִיט אַמָאל אָבְּגֶענוּמֶען גֶעװָארן. טְרֶערֶען הָאבֶּען אַלֶע אִין דִיא אױגֶען גֶעהַאט. נִיט װַײט פוּן הַײעֶל'ען אִיז גֶעזֶעסֶען אַ אַלְטֶערֶע אַנְשְׁטֶאנְדִיגֶע פְרוֹי, יוֹכֶבֶד'ל דִי קְלוּגֶע, — אַזױ הָאט מֶען זִיא דָא אִין קְלֵיינִיץ גֶערוּפֶען — אֵיין פִינְגֶער הָאט זִי גֶעהַאלְטֶען, בַּיי דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶער לִיפּ אוּנ הָאט לַאנְגְזַאם אוּנ שְׁטִיל בֶּעװֶעגְט אִיהר קָאפּ אַהִין אוּנ אַהֶער. ר' שְׁלֹמֹה הָאט צוּ גֶעמַאכְט דֶעם סֵפֶר װָאס עֶר הָאט בִּיז אִיצְט אִין הַאנְד גֶעהַאלְטֶען.

— רָחֶל'ע, מַיין הַארְצִיג קִינְד, הָאט עֶר אױסְגֶערֶעדְט מִיט אַ פֶערְשְׁטִיקְטֶער שְׁטִימֶע פוּן אַ שְׁװֶערֶען װֵייטִיג װָאס הָאט זַיין הֶערְץ גֶעפְּרֶעסְט. שְׁטֶעה אױף, מַיין טָאכְטֶער, גֶעה, װֶעק דִי יוּנְגֶעלֶעךְ אױף. טְהוּ זֵיי אָן, גִיס זֵיי אָב נָאגֶעל װַאסֶער, אוּנ פִיהר זֵיי אַרַיין צוּם מִנְיָן; זָאל דָאס דַיין מִצְוָה זַיין, מַיין עֶלֶענְד קִינְד, דִיא קִינְדֶער צוּם עֶרְשְׁטֶען קַדִּישׁ נָאךְ זַייעֶר טַאטֶען צוּ צוּגְרֵייטֶען! מֶען הָאט גֶעמוּזְט דָאס קְלֵיין שְׁװֶעסְטֶערְל צוּגֶעהמֶען פוּן אִיהר שױס: דָאס קְלֵיין קִינְד, הָאט נָאךְ גָאר נִיט גֶעװאוּסְט, װָאס דָא טְהוּט זִיךְ: זִי הָאט נוּר גֶעזֶעהְן גֶעכְטֶען, װִיא מֶען פַּיינִיגְט אִיהר לִיבֶּע שְׁװֶעסְטֶער, װִי מֶען דְרִיקְט אִיהרֶע שְׁלֶעפֶען, װִי מֶען שְׁטֶעכְט זִי מִיט נָאדְלֶען, נִיט װִיסֶענְדִיג פַאר װָאס מֶען טְהוּט רָחֶל'ען אַזֶעלְכֶע עִנוּיִים, הָאט עֶס גֶעװֵיינְט אוּנ פֶערְצְװֵייפֶעלְט גֶעשְׁרִיעֶן, אַז רָחֶל'ע אִיז צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען הָאט זִיךְ דָאס קִינְד אִין אִיהר אַײנְגֶעקְלַאמֶערְט מִיט בֵּיידֶע הֶענְדְטְלֶעךְ אוּנ זִיא נִיט אָבְּגֶעלָאזְען, עֶס הָאט זִיא בֶּעשִׁיטְצֶען גֶעװָאלְט מֶען זָאל זִיא נָאךְ אַמָאל אַזױ נִיט פַּיינִיגֶען; אַז מֶען הָאט רָחֶל'ען אױף אִיהר בֶּעט אַװֶעקְגֶעלֶעגְט, הָאט מֶען אױךְ דָאס קִינְד גֶעמוּזְט מִיט אִיהר לֶעגֶען, װִי נוּר רָחֶל'ע אִיז אױפְגֶעשְׁטַאנֶען, זִיךְ גֶעבֶּען אִיהר מוּטֶער אױף דֶער עֶרְד אַװֶעק גֶעזֶעצְט, הָאט דָאס קִינְד זִיךְ אױפְגֶעהַאפְּט אוּנ גֶעװֵיינְט, מֶען הָאט עֶס גֶעמוּזְט אָנְטְהוּן אוּנ אַװֶעקזֶעטְצֶען גֶעבֶּען רָחֶל'ען אױף דֶער עֶרְד. זִיטְצֶענְדִיג אַזױ אִיז עֶס אַײנְגֶעשְׁלָאפֶען גֶעװָארן, דָאס קָאפֶּעל אִין רָחֶל'עס שױס

אַיינטולענדיג. — די יונגלעך זענען פון חדר געקומען. שוין נאָך דעם חלשן, זעהענדיג אַז אַלע וויינען האָבען זיי אויך געוויינט און זענען אַזוי איינגעשלאָפען אויף דעם אָרט וואו זיי האָבען געוויינט; די אַלטע פייגע האָט זיי שפּעטער אין זייער צימערל אַריינגעטראָגען, אויסגעטהון, און אין זייערע בעטלעך אַוועק געלעגט.

רחל'ע האָט קוים געקאָנט אויף איהרע פיס איינשטעהן. מען האָט זיא צו די קינדער אין צימער אונטער די האַנד אַריינגעפיהרט. די קינדער האָבען נאָך רוהיג געשלאָפען. זי האָט איהרע ליפּען צוגעלעגט צום עלטערן ברודער'ס קאָפּעלע. אַ קוואַל טהרערן האָט זיך פון דאָס ניי געעפענט.

שטעה אויף, מיין ברודערל! האָט זי שטיל פון טיף בעקלעמטען הערצען אַרויסגערעדט. שטעה אויף, ניי יתומ'ל, קדיש זאָגען, מאַטעלע, שטעה אויף!!... געשטאָרבען, ברודערל, איז דער ליעבער, טייערער פאָטער אונזערער! ווייסטו, עלענד קינד, וואָס געשטאָרבען איז?... ניט זעהן וועלן איהם מעהר אונזערע אויגען, מאַטעלע, ניט האָרן מעהר זיינע זיסע קלוגע רייד, שוין קיינמאָל, קיינמאָל, ברודערל!.. צוּבראָכען איז אונזער שיפעלע... שטעה אויף, מאַטעלע, שווימען מוזטו ווי אַ פישעלע אין דעם גרויסען טיפען ים וואָס אונזער גרויס אונגליק האָט אונז אַזוי פּלוצלונג אַריינגעוואָרפען אין איהם! ניטאָ מעהר דאָס שיפעלע וואָס האָט אונז אין שטורעם און ווינד אויף דעם אונזיכערן וואַסער ביז איצט אַזוי זיכער געטראָגען! ניטאָ מעהר דיין טאַטע, ברודערל, אַ יתום ביזטו, אָ, עלענד קינד!...״

שטעה דוא אויך אויף, קליין פויגעלע! האָט זיא זיך צום קלענערן ברודערל געווענדעט, אַ שטורעם ווינד אַ שרעקליכער האָט דעם בוים אויסגעריסען וואָס האָט דיין בעטעלע, דיין נעסט, מיין עופעלע, פון קאַלט און היטץ פערשטעלט! ... נאָך שוואַך זענען דיינע פיסעלעך, אָרעם ברודערל, נאָך ניט אויסגעוואַקסען זענען דיינע פליגעלעך און אויפשטעהן מוזטו, פליהען אין דער ברייטער וועלט אַ ניי נעסט זיך געפינען! גיכער, גיכער, ברודערל, נאָך איידער עס רעגענט, נאָך איידער עס קומט דער ווינטער מיט זיינע שניי און קאַלט איבער דיין קאָפּעלע!... אָ, פויגעלע, וואו וועסטו אַזאַ בוים געפינען וועלכער זאָל דיך אַזוי שיטצען וויא דיין טייערער פאָטער וועלכען דו האָסט שוין ניט מעהר!?... גאָט, וואָס האָסטו אונזער פאָטער צוגענומען! פאָטער, וואָס וועט פון דיינע קינדער ווערן!?...״

זיא האָט שוין מעהר קיין כח געהאַט צו רעדען, נור טהרערן האָבען זיך שטיל געגאָסען. זי האָט די ביידע יונגלעך אָנגעטהון, און זיי פאַר די הענדטלעך גלייך צום פעטער צוגעפיהרט.

— נאַט אייך, גוטער פעטער, די פרישינקע יתומים'לעך! האָט זיא אַרויס גע-רעדט מיט אַזאַ ריהרענדען טאָן אַז אַלע וויפיעל עס זענען דאָ געוועזן האָבען אין דער הויף אָנגעהויבען צו וויינען. עס האָט געוויינט דער פעטער. אויך יוכבד'ל די קלוגע האָט איהרע טהרערן ניט מעהר געקאָנט איינהאַלטען און זיי האָבען זיך גע-קוילעט איבער איהר פינגער וועלכע האָט נאָך אַלץ איהר אונטערשטע ליפּ צוגעדריקט.

— נעהמט זיי, ליעבער פעטער, האָט רחל'ע ווייטער געזאָגט, לערנט זיי [illegible]

זָאגֶען נָאךְ אוּנְזָער לִיעבֶּען פָּאטֶער. אָ, פֶּעטֶער גֶעטְרַייֶער, וַוייזְט אִיהר אִיצְט דִיא קְלֵיינֶע יְתוֹמִים׳לֶעךְ זַיינֶע, וואו גָאט אִיז: לֶערְנְט זֵיי פַאר זֵייעֶר טַאטֶעגְס נְשָׁמָה בֶּעטֶען, בֶּעטֶען פַאר זִיךְ אוֹיךְ!.. בֶּעט גָאט קִינְדֶערְלֶעךְ, עֶר, דֶער פָאטֶער פוּן אַלֶע יְתוֹמִים זָאל שׁוֹין פוּן אִיצְט אוֹיךְ אוּנְזֶער אֵיינְצִיגֶער פָאטֶער זַיין!...

ר׳ שְׁלמה הָאט גֶעחְלִיפֶּעט פוּן גֶעוויין. הַייעֶלֶע הָאט שׁוֹין קֵיין כֹּחַ גֶעהַאט צוּ וויינֶען, נוּר ווִי זִיא הָאט אִיהרֶע קְלֵיינֶע יְתוֹמִים דֶערְזֶעהן אוּנ רָחֶל׳עס רֵייד דֶערְהֶערְט הָאט זִי צוּבְרוֹמֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען נִיט מִיט אִיהר קוֹל; יוֹכֶבֶד׳ל הָאט זִיא אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּנ זִיךְ גֶעמִיהט זִיא אַיינְצוּשְׁטִילֶען. פוּן צְווייטֶען צִימֶער זֶענֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען עֶלְטֶערֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים.

ר׳ שְׁלמה הָאט זַיינֶע הֶאנְט אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אוֹיף רָחֶל׳עס קָאפּ.

אַזוֹי מַיין טָאכְטֶער, הָאט עֶר אוֹיסְגֶערֶעדְט, אַזוֹי אִיז שׁוֹין! מִיר הָאבֶּען אִיהם פֶערְלָארֶן, אוֹיף אֵייבִּיג פֶערְלָארֶן! חֲבַל עַל דְאַבְדִּין וְלָא מִשְׁתַּכְּחִין: וְועה גֶעשְׁרִיעֶן אוֹיף דִיא וָואס פֶערְלִירֶן זֵייעֶר טְהַייעֶרְן שַׁאטְץ אוּנ וֶועלֶן אֵייבִּיג, אֵייבִּיג אִיהם נִיט קָאנֶען פֶערְגֶעסֶן! אוֹיף אוּנְז, מַיין קִינְד, אִיז וְועה גֶעשְׁרִיעֶן! עֶר אִיז שׁוֹין דָארְט, וואו עֶס אִיז אַלֶעס גוּט; נוּר מִיר? מִיר לֶעבֶּעדִיגֶע, מִיר בְּלָאנְזֶען נָאךְ דָא אַרוּם, אוּנְז אִיז דָאס לִיכְט אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען גֶעוָוארְן אִין מִיטֶען טָאג. פִינְסְטֶער אִיז אוּנְז אִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען גֶעוָוארְן! זֶעהסְטוּ, מַיין טָאכְטֶער, ווִי נַארִישׁ דָאס לֶעבֶּען אִיז, ווִי פּוּסְט אוּנ אַייטֶעל זֶענֶען אַלֶע חֲקִירוֹת, אַלֶע תַּאֲווֹת אִין לֶעבֶּען?! אַ בְּרִיק אַנְלֶאזֶערְנֶע זֶעהר אַ שְׁוַואכֶע אִיז דָאס לֶעבֶּען, אוּנְטֶער דֶער בְּרִיק לוֹיפְט אַ גְרוֹיסֶער שְׁטְרָאם אוּנ אַ טִיפֶער, פוּן אֵיין זַייט הֵייבְּט זִיךְ דָאס לֶעבֶּען אָן, פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייטֶע אִיז שׁוֹין דֶער סוֹף פוּן אִיהם. וואוֹיל דֶעם מֶענְשֶׁען, וָואס תּוֹרָה אוּנ מַעֲשִׂים טוֹבִים זֶענֶען אִיהם ווִי פַארֶענְצֶעס, עֶר זָאל זִיךְ אָן זֵיי קָאנֶען אָנְלֶעהנֶען פוּן בְּרִיק אִין וַואסֶער נִיט אַרַיינְצוּפַאלֶען אוּנ זָאל קָאנֶען קוּמֶען בְּשָׁלוֹם אַהִין, וואו עֶס אִיז גוּט, וואו עֶס הֵייבְּט זִיךְ אָן עוֹלָם הַבָּא! וְועה אִיז אָבֶּער צוּ דֶעם וָואס טְהוּט אוֹיס דֶעם יָאךְ פוּן תּוֹרָה אוּנ מִצְוֹת אוּנ קוּקְט נִיט פוּן וואנֶען עֶר קוּמְט אוּנ וואהִין עֶר גֶעהט! אַזַא מֶענְשׁ אִיז גְרִינְג וויא אַ פֶעדֶער: קֵיין פַארֶענְצֶעס פוּן תּוֹרָה אוּנ מַעֲשִׂים טוֹבִים הָאט עֶר נִיט. אָט וֶוערְט עֶר פוּן אַ קְלֵיין ווִינְדְטֶל נוּר, פוּן בְּרִיק אִין וַואסֶער אַרַיינְגֶעשְׁטוֹיסֶען אוּנ פַאלְט אִין דֶעם טִיפֶען שְׁטְרָאם וָואס פְלֵייצְט אוּנ פֶערְטְרָאגְט אִיהם וַוייט, וַוייט בִּיז דֶער שְׁאוֹל תַּחְתִּיָה אַרָאפּ!...

דַיין לִיעבֶּען פָאטֶער. מַיין טְהַייעֶרְן בְּרוּדֶער, הָאבֶּען זַיינֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים בֶּעגְלֵייט וואו עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנ וואו עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען; עֶר אִיז פְּרִיה גֶעשְׁטָארְבֶּען, וַוייל עֶר הָאט פוּן אָנְהֵייבּ אָן קֵיין פִיעל יָאהרְן נִיט גֶעהַאט צוּ לֶעבֶּען, אוּנ אֶפְשָׁר הָאט גָאט זַיין נְשָׁמָה צוּגֶענוּמֶען פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד... וָואס מֵיינְסְטוּ אִיז דֶען אוּנְזֶער נְשָׁמָה? דָאס אִיז אַ לִיכְטֶעל אָנְגֶעצוּנְדֶען אִין אוּנְז פוּן גָאטֶעס גְרוֹיסֶע לִיכְט! הַאלְטֶען מִיר דִיא נְשָׁמָה — דָאס הֵייסְט: דָאס גֶעטְלִיךְ אָנְגֶעצוּנְדֶען לִיכְטֶעל — רֵיין אִין אוּנְז אוּנ לָאזֶען נִיט צוּ צוּ אִיהם אַ שְׁלֶעכְטֶע תַּאֲוָה, אַ בֶּאזֶע מַחֲשָׁבָה, אָדֶער אַ פֶערְדָארְבֶּענֶע מִידָה, בְּרֶענְט עֶס שְׁטִיל אוּנ רוּהִיג אִין אוּנְז אוּנ מִיר לֶעבֶּען אוֹיס אוּנְזֶערֶע יָאהרְן ווִיפִיעל דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם הָאט אוּנְז בֶּעשְׁטִימְט; טְהוּעֶן מִיר אָבֶּער חָלִילָה פֶערְקֶעהרְט, אוּנ מִיר פֶערְ־נֶעהמֶען זִיךְ מִיט תַּאֲווֹת, מִיט סְפֵקוֹת אִין דֶער אֱמוּנָה, וֶוערְן זֵיי ווִינְדְטֶען אִין אוּנְז אוּנ

בלאזען דאס ליכט אין גאנצען אויס, אדער עס הערבט אן שמעלצען ווי א חלבן ליכטל אונ פלאקערט אויס מיט אמאל אונ עס ווערט א תל פון אונז... איין זאך, מיין קינד, דארפען מיר גלויבען אונ וויסען: גאט ברוך הוא האט זיין וועלט מיט חסד אונ מיט רחמים בעשאפען, מיט צדק אונ מיט משפט פיהרט ער זיא, אונ מיר, זיינע בעשאפעניששען, טאהרן גאר קיין קשיות ניט פרעגען: פאר וואס איז דאס אזוי אונ יענעם אנדערש? פאר וואס לעבט דער אונ פאר וואס שטארבט יענער? ער ווייס וואס ער טהוט, ער איז גערעכט אונ זיין משפט איז גערעכט! אונז בלייבט נור מיט אמונה אונ מיט בטחון מצדיק צו זיין דעם דין אונ א ברכה צו מאכען: ברוך דין אמת!"

ביי די רייד, האט דער שמש פון חברה קדישא צוגעטראגען א מעסער, ר' שלמה האט אנגענומען פאר דעם שפיטץ קלינג אונ האט אזוי איינגעשניטען דיא לאטץ פון זיין ראק אונ דער נאך א ריס געטהון מיט דעם גאנצען כח, ער האט אויך אזוי איינגעשניטען א ברעג פון רחל'ס קאפטע, וועלכע זי האט דאן אויף זיך געהאט אונ זיא האט אויך קריעה געריסען, אבער איהר הערץ אינערליך וואר שוין פיעל פריער אונ פיעל מעהר אין איהר צוריסען... אויך הייעלע האט די טרויעריגע צערעמאניע געטהון, אונ טהרערן האבען זיך גענוג געגאסען פון די אלע וואס האבען דיא הערצערבייסענדע סצענע צוגעזעהן.

רחלע האט שוין זיך ניט געקאנט מעהר האלטען אויף איהרע פיס אין די דינגע זאקעלעך, זיא האט זיך געבען דער מוטער אראפ געלאזען אונ דא איז זי שטיל אונ פערקלעמט געזעסען. ביז זי האט דערהערט ווי איהרע ברידערלעך זאגען דעם ערשטען "יתגדל ויתקדש". א נייע העפטיגע געוויין האט זיך אנגעהויבען אונ אז זי האט געוואלט אנטפערן: "אמן, יהא שמיה רבא!" האבען זיך, פון אינערליכע בעקלעמונג, איהרע ליפען אן א זייט פערצויגען, דאס גאנצע געזיכט האט קאנוואולסיווע געציטערט; יוכבד'ל האט דאס דערזעהן אונ איז צוגעלאפען צו איהר, זיא אנגעהויבען קושען אונ גלעטען ביז דער קראמפף האט זי אבגעלאזען.

— גרויס, זעהר גרויס איז דיין אונגליק, מיין ליעבע טאכטער! האט דיא קלוגע פרוי אנגעהויבען, ניטא קיין ווערטער, ניטא קיין רייד דיך צו טרעסטען, אין דער מינוט בעת דיין הארץ איז נאך אין צווייען צעריסען פון דעם קויל וואס האט איהם ערשט געטראפען!... איין טרעסט נור האט דער זינדיגער מענש, איין טרעסט, מיין ליעב קינד, מעהר האבען מיר גאר ניט, גאר ניט, זאג איך דיר! נור דער שכל קאן אונז טרעסטען דער מיט וואס דער מענש ווייס, אז דאס וואס עס איז נגזר געווארן מוז אויף איהם קומען אונ עס העלפט קיין וויינען, קיין שרייען אונ קיין קלאגען! האסטו דען ווען געקלערט אז דו לעבסט ווייל דו וואוילסט לעבען? ניין, מיין קינד, דוא לעבסט ווייל גאט האט דיר זיין לעבעדיגע נשמה געליהען, דו מוזט לעבען ווייל ער וויל אזוי! זיינע איז דיא נשמה, נור מיט זיין חסד לייהט ער זיא אונז, קאנען מיר דען צו איהם טענות האבען אז ער נעהמט צו פון אונז וואס זיינס איז?.. צו שטארבען זענען מיר געבוירן געווארן אונ ווער אין דער וועלט, פון אדם הראשון ביז דיין טרייען פאטער האט געלעבט אונ איז ניט געשטארבען? געשטארבען זענען אונזערע הייליגע אבות: אברהם יצחק ויעקב; גלויב מיר זיי האבען נאך אויך ניט געוואלט שטארבען; נא-

די מוהמע דבורה, האט זייא קוים פאנאנדער געריסען אונ האט אָנגעהויבען ערקלערן ווי עס איז גאר אַזינד אַגרויסע אַז מען וויינט צו פיעל. זיא האט דערביי אַ מעשה ערצעהלט: „אַ אונגליקליכע מוטער האט אַמאל צופיעל געוויינט אונ געקלאָגט נאך איהר קינד וואס איז ביי איהר געשטאָרבען, האבען ביי איהר אָנגעהויבען באלד אויסשטארבען — ניט פאר קיין מוטער געדאכט — איהרע איבריגע קינדער; אַז דאס לעצטע קינד איהר'ס איז געפעהרליך קראַנק געוואָרן איז זי געפאָהרן צום רבין זאל לעבען אונ האט איהם געבעטען ער זאל מתפלל זיין אויף איהר שטארבענד קינד וואס איז פון צעהן איינס געבליבען, דער רבי זאל לעבען האט אַ פראַג געטהון: זאג מיר וויפיעל, אַז דיינע ערשטע קינדער זענען געשטאָרבען האסטו עפיס געוויינט נאך זיי? איך האב מיינע אויגען אויסגעוויינט נאך זיי! האט זיא געאַנטפערט. „אַט דערפאר שטארבען זיי, האט ער זאל לעבען געזאָגט, דיינע טהרערן רינען גלייך צו דיינע קינדער אין קבר אַריין, דארט מאַכען זיי נאס זייערע תכריכים, אונ זיי קאָנען מיט נאסע תכריכים פאר דעם כסא הכבוד ניט קומען; פאר זייער צער איבער דעם שטראָפט דיך גאט, אַז דוא זאָלסט וויינען אונ גאר ניט אויפהערן! עס איז גלייך, ווי דו וואָלסט גאט דעם גערעכטען אונגערעכט מאַכען אונ ווייסט וואס ער האט דיר אַ עולה געטהון! ווילסטו דיין לעצט קינד זאל לעבען בלייבען? זאָלסטו אויף זיך נעהמען, ניט מעהר אַ טהרער אַרויס צו לאָזען אויף יענע וואס זענען שוין געשטאָרבען דאס ווייבעל. ערצעהלט מען. האט זיך פארגענומען מעהר ניט צו וויינען אונ איז געקומען אַהיים אונ האט איהר קינד געפונען פריש אונ געזונד אונ זוכה געוועזן עס מגדל צו זיין לתורה ולחופה ולמעשים טובים".

דאריבער זאג איך דיר, מיין טהייערע שוואָגערין, אויך דיר, מיין ליעבע רחלע. ניט וויינט מעהר, שלינגט די טהרערן אַראָפ, שטארקט אייער הארץ אונ האפט צו גאט, ער איז אַ דין אַלמנות אונ אַ פאָטער אויף אַלע יתומים! ניט איהר, מיינע טהייערע, זייט די ערשטע אונ ניט איהר די לעצטע, די וועלט בלייבט אַ וועלט אונ דער מענש אין איהר איז אַ טראָפען אין ים, וואס איז ניט ניכר צו ער איז יוא דא צו ניטאָ!...

נאך אַ יודענע, האט ניט פיעל געטראַכט אונ האט דערצעהלט אַ פריש אונגליק וואס האט ערשט ניט לאַנג אין איהר שטעדטעל געטראָפען: אַ אָרעמע יודענע נעביך, איז אַ אַלמנה געבליבען מיט פינף פיצלעך קינדער אָהן אַ ביסען ברויט, אונ טאָמער איז נאך דאס וועניג דאָרף זי, נעביך, ניט פאר קיין יודישער טאָכטער געדאַכט, האבען אַ שווערן געווינען באלד נאך דעם אונ נעהמט אונ שטארבט גאר אַוועק, לאָזט איבער איהרע קינדערלעך. אויך דאס ערשט געבוירן קינד פאר'ן ברית, וויא אויף'ן מיטען ים! דארף מען פרעגען: צו וואס טהוט דאס אַזוי גאט דער גערעכטער? אָבער מסתמא ווייס ער דאך, זיין השגחה איז געוויס דארין אויך, אונ מיר זינדיגע מענשען זינדיגען נאך! אונז האט ער שלעכטס געטהון? אָ. אַז מענשען וואָלטען קאָנען אַראָפ קוקען וואס טהוט זיך אין אַ נידריגערע שטופע, וואָלטען זייא לויבען אונ גאט דאנקען זעלבסט אין גראָסטען אונגליק; ווארום מיט איין האַנד שטראָפט ער אונ מיט דער אַנדערער טרייסט ער!...זייט שטרענגע פרומע יודישע טאָכטער, אייער אונגליק איז גראָסער וויא

שְׁטַארְבֶּען אִיז אוֹיךְ דֶער הֵיילִיגֶער נָבִיא משֶׁה רַבֵּינוּ. אַךְ, ווִי הָאט עֶר זִיךְ בַּיי גָאט גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהם נָאךְ לָאזֶען לֶעבֶּען! אֵיין יָאהר נָאךְ לֶעבֶּען, אֵיין טָאג, אֵיין שָׁעָה חָאטְשׁ אַ אִיבְּרִיגֶע! דָאס הֵיילִיגֶע לַאנְד אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל הָאט עֶר גֶעוואָלְט זֶעהְן, דָאס טְהַייעֶר לַאנְד וָואס גָאט הָאט זַיין טְהַייעֶר פָאלְק אַוֶועקְגֶעשָׁאנְקֶען; עֶס הָאט אָבֶּער נִיט גֶעהָאלְפֶען אַז דִיא שָׁעָה פוּן זַיין טוֹיט אִיז גֶעקוּמֶען. עֶר הָאט עֶס בַּאלְד אֵיינְגֶעזֶעהְן אוּנ הָאט זַיין הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה צוּ גָאט אַלֵיין אִין דִיא הֶענְט אָבְּגֶעגֶעבֶּען. גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז דַיין פָאטֶער, נָאט הָאט אַזוֹי גֶעווָאלְט אוּנ הָאט זַיין כְּשֵׁרָה נְשָׁמָה צוּגֶענוּמֶען צוּ זִיךְ אוּנ וָואס קָאן אִיהם אִיצְט הֶעלְפֶען אוּנְזֶער ווֵיינֶען אוּנְזֶער קְלָאגֶען? שְׁטַארְבֶּען שְׁטַארְבְּט מֶען אֵיינְמָאל, אוּנ דָאס אֵיינְמָאל, אִיז שׁוֹין אַלֶע מָאל!... אוּנְזֶער שָׁעָה וֶועט אוֹיךְ קוּמֶען, צוּ מִיר ווֶעלֶן גְרֵייט זַיין צוּ נִיט, אַז מֶען רוּפְט מוּז מֶען גֶעהְן! נוּר ווִינְשֶׁען מָאג זִיךְ יֶעדֶער — מִיט מֶעהר יָאהרֶען — אַזוֹי עֶהְרְלִיךְ אוּנ פְרוּם אוֹיסְצוּפִירֶען זַיין ווֶעלְט ווִיא דַיין פָאטֶער עָלָיו הַשָּׁלוֹם. נָאךְ אוּנְזֶער טוֹידְט זָאל מֶען אוּנְז קֵיין אֶרְגֶערֶע שְׁבָחִים נִיט נָאכְזָאגֶען! אַךְ, מַיין קִינְד, וָואס ווֵייסְטוּ ווִיפִיעל טְהְרֶערֶען פוּן אַלְמָנוֹת אוּנ יְתוֹמִים נִיסֶען זִיךְ אִיצְט, ווֶעלְכֶע ווֶעלֶן אִיהם דָארְט אִין הִימֶעל ווִי מְלִיצִים טוֹבִים פָארְקוּמֶען פַאר זַיינֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין זַיין יוּנְגֶען לֶעבֶּען? גָאט זָאל דִיזֶע טְהְרֶערֶען צוּזַאמֶענְקְלוֹיבֶּען, עֶר זָאל זֵיי אִין זַיין לָאגֶעל אַרֵיינְטְהוּן ווִיא אִין הֵיילִיגֶען תְּהִלִּים אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען: „דוּ זָאלְסְט אַרֵיינְטְהוּן, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, מַיינֶע טְהְרֶערֶען אִין דַיין לָאגֶעל, אִין דַיין בּוּךְ, וואוּ עֲבֵרוֹת אוּנ מִצְוֹת ווֶערֶען פֶערְשְׁרִיבֶּען זָאלְסְטוּ זֵיי צֶעהְלֶען אוּנ פֶערְשְׁרֵייבֶּען!“ עֶס ווֶערְט נִיט אַ טְרָאפֶּען פֶערְלָארֶען, אַלֶעץ קְלוֹיבְּט זִיךְ, אִין יֶענֶעם לָאגֶעל! אִין אִיהם זֶענֶען אַלֶע טְהְרֶערֶען, פוּן אוּנְזֶערֶע קְדוֹשִׁים וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט בְּרֶענֶען אוּנ בְּרָאטֶען צוּ לִיעבּ אוּנְזֶער אֱמוּנָה, אִין אִיהם זֶענֶען אוֹיךְ דִיא טְהְרֶערֶען פוּן אוּנְזֶער מוּטֶער רָחֵל, וָואס אִיז אַ יוּנְגֶענְד, גֶעבִּיךְ, פוּן דֶער ווֶעלְט אַוֶועג אוּנ נִיט זוֹכֶה גֶעוֶועזֶען אִיהרֶע — מִיט שְׁווֶערֶע פַּיין אוּנ לַיידֶען גֶעבּוֹירֶענֶע קִינְדֶער — אוֹיסְצוּהָאדִיוֶוען אוּנ זֵייעֶר חוּפָּה צוּ דֶערְלֶעבֶּען! אָ, הֵיילִיגֶע מוּטֶער רָחֵל, דוּא ווֵייסְט דֶעם צַעַר פוּן טְרָאגֶען אוּנ הָאבֶּען קִינְדֶער, דוּא ווֵייסְט דִיא פַּיין אוּנ שְׁמֶערְצֶען פוּן שְׁטַארְבֶּען יוּנְג, אַז מֶען לָאזְט קִינְדֶער נִיט דֶערְהָאדִיוֶועטֶע, אַ בֶּעטֶערִין אַ גוּטֶע זַיי פַאר אַלֶע יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער, ווִי דוּא בִּיזְט אַ מוּטֶער אַ גֶעטְרַייעֶ פַאר אַלֶע יוּדִישֶׁע יְתוֹמִים'לֶעךְ! זֶעה אוֹיךְ דִיא טְהְרֶערֶען פוּן דֶער יוּנְגֶער יְתוֹמָה רָחֵל, וָואס טְרָאגְט דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, וָואס אִיז דַיין קִינְד, אַזוֹי שֶׁאן אוּנ פְרוּם ווִי דוּא! הָאבּ רַחֲמָנוּת אוּנ בֶּעט אוּנְזֶער לִיעבֶּען גָאט פַאר אִיהר, נֶעהם צוּ אִיהרֶע פְרוּמֶע טְהְרֶערֶען אוּנ טְהוּ זֵיי אִין זַיין לָאגֶעל אַרֵיין, זָאל עֶר שׁוֹין פוּל ווֶערֶען אוּנ קֵיין טְהְרֶערֶען פוּן צַעַר אוּנ טְרוֹיעֶר זָאלֶן שׁוֹין אִין דֶעם הוֹיז אוּנ אִין קֵיין יוּדִישׁ הוֹיז מֶעהר נִיט פֶערְגָאסֶען ווֶערֶען!...

יוֹכֶבֶד'ל הָאט אַלֵיין נִיט גֶעפִיהלְט ווִי זִיא הָאט זִיךְ תִּינְגֶעגֶעבֶּען אִיהר מִיטְלַייד: אִיהר הֶערְץ וָואס אִיז פָאל גֶעוָוארֶען מִיט טְרוֹיעֶר אוּנ עֶלֶענְד אִין דֶער גַאנְצֶער צַייט וָואס זִי אִיז דָא אַ שְׁוַויינֶענְדֶע גֶעזֶעסֶן, הָאט זִיךְ אִיצְט מִיט אִיהרֶע טְהְרֶערֶען אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוּנ זִי הָאט רָחֵל'ע צוּגֶעדְרִיקְט צוּם בַּארְצֶען אוּנ מִיט אִיהר צוּזַאמֶען זִיךְ גוּט אוֹיסְגֶעווֵיינְט.

דער צווייטער קאן עס גאר בעגרייפען אונ פערשטעהן, אבער דערמאנט דאס האט אייך ניט א מענש געטהון, וועלכער קאן ניט פערריכטען וואס ער מאכט קיילע, נור נאט דער לעבעדיגער האט עס געטהון. וואס זיין חסד איז שטאנדיג גרעסער אלס זיין שטראף, ער וועט אייך נאך טרעסטען, איהר וועט אייך נאך פרעהען מיט זיינער הילף, דער זכות פון אייער מאנס צדקה, וועט אייך ביישטעהן גאטעס טרעסט זאל צו אייך וואס גיכער קומען!

עס איז אויך צו רעד געקומען, פון פרומע נשים, וואס האבען גאטעס שטראף מקבל באהבה געוועזן, אונ די מוהמע דבורה האט דערצאהלט, פון צביה׳לע די צדקת וואס איז מיט א יאהר צוואנציג צוריק געשטארבען, א גוטע בעטערין זאל זיא זיין, צביה׳לען האט נעבוך גאט געשטראפט אונ האט ביי איהר צוגענומען איהרע ערוואקסענע קינדער איינס נאך דאס אנדערע, צביה׳לע האט ניט געוויינט, ניט געקלאגט אונ האט זיך מתעסק געוועזען מיט זייער טהרה אונ קבורה אקוראט וויא א וואהרע מחותנת׳טע וואס פיהרט א קינד צו דער חופה, האמיש קיין טרייערע מוטער פאר צביה׳לען אונ קיין געבראטהענערע קינדער פאר איהרע זענען גאר אין דער וועלט ניט געוועזן.

ביי דעם לעצטען קינד טוידט, האט דיא מוהמע ווייטער ערצאהלט, בין איך דערביי געוועזן, דאס איז געוועזן איהר מעזינקע, א מיידעל א כלה שוין פון אכצעהן יאהר, עס האט געזאלט זיין איהר חתונה אין א פאר וואכען ארום; איך בין דערביי געשטאנען ווי צביה׳לע אליין האט אויך דאס קינד מטהר געוועזען, איך בין נאך דאמאלס א יונג ווייבעל געוועזן פון צוואנציג יאהר א פאר יאהר נאך מיין חתונה, מיר אלע וואס זענען דאמאלס דערביי געשטאנען זענען צו גאנגען פון געוויין, וויא דאס לויכטיג קינד ליגט אנגעטהון אין איהרע אייביגע חתונה קליידער אונ איהר ליכטיג פנים שיינט נאך א הר טוידט, ווי די זון אין הימעל; נור צביה׳לע האט איין טרער ניט געלאזט פאלען. זי האט איהר דאס נארטעלע פערבונדען, אליין געהאלפען זי אין ארון אריינהייבען, אונ האט געזאגט: רבונו של עולם, גערעכטער פאטער, דוא האסט מיר א טהייערן פקדון געגעבען, איך האב איהם מיט פרייד אונ פערגניגען געהיט וויא מיין אויג פון מיין קאפ, דוא האסט מיר א בריליאנט געליהען ליכטיג צו מאכען מיינע פיער ווינקעלעך, איך האב קיין שטויב אונ קיין פלעק געלאזט פאלען אויף איהם, דוא נעהמסט איהם איצט צו פון מיר, איך גיב דיר איהם אב מיט דאנק, מיט מיין גאנצען הערצען! מעהר, נאטוניא, האב איך ניט אויסער מיין נשמה, וועלכע איז אויך דיינע; כוחות גיב מיר, פאטער שטארקער, דיזע נשמה אזוי ריין אונ אונ־בעפלעקט דיר צוריק צו געבען אז דוא וועסט זיא וועלן צו נעהמען פון מיר, וויא דיא היילינגע נשמות פון מיינע קינדער וואס רוהען שוין אונטער דיין היילינגען שאטען! אויף דעם בית עולם האט זי מיט איהרע אייגענע האנד איהר לעצט קינד אין קבר אראפ געלאזט, אליין איהם נאפעלעך אין די האנד געגעבען. אונ איז צוריק אהיים געקומען, שבעה אפגעזעסען אונ קיינער האט א טהרער ניט געזעהן, א זיפץ ניט געהערט; נאך שבעה האט זי ווידער צדקות געקליבען פאר ארעמע, אלע עלענדע געטרעסט. אבער איהר אייגען אונגליק קיינמאל ניט דערמאנט. אזוי האט זיא איהרע יאהרן

אויסגעלעבט אונ איז געשטארבען ווי א צדקת, מיט ודוים אונ מיט איהר קלאת זינגען, אליין האט זיא פאר זיך תכריכים אנגעגרייט. אליין האט זי פאר יציאת נשמת איינגעטהיילט ווער עס זאל זיך מתעסק זיין מיט איהר טהרה אונ קבורה, אונ האט נור געבעטען זי צו בעהאלטען צווישען איהרע קינדער, אונ אזוי רוהט זי אין איהר קבר אויף אונזער בית עולם צווישען איהרע קינדער. אויף איהר מצבה שטעהט אויפגעשריבען מיט גילדערנע אותיות: „אם הבנים שמחה!" אזא מוטער פון אזעלכע קינדער, מאג פרעהליך זיין אפילו אין קבר אויך; איהר זכות, הארציגער פאטער, זאל אונז בייששטעהן, ניט געפרובט צו ווערן צו אזעלכע ענויים; זי זאל דארט א גוטע בעטערין זיין פאר אונז ארעמען אונ פאר כלל ישראל! אמן!

פון אזעלכע געשיכטען איז רחלע אריינגעפאלען ווי אין א תהום, אין איהר מוח האבען זיך אנגעהויבען מישען אייגענע צרות אונ צרות פון לייטען; זיא האט יענע עלענדע יתומים'לעך געזעהן וואס זענען הונגעריגע, נאקעטע, אהן א פאטער אונ אהן א מוטער ווי אין מיטען ים געבליבען, זיא האט אויך יענעם קינד געזעהן, וואס דער מוטערס טהרערן רינען איהם אין זיין קבר אריין אונ דורכנעטצען זיינע תכריכים, גור מעהר פאר אלץ איז איהר צביה'לע פאר איהרע אויגען געשטאנען: איהר האט גע־דאכט, זיא הערט ווי זי זאגט: „ניט וויין מיין קינד! גאט איז גערעכט, א יודישע טאכטער, דארף גלויבען אונ גאטס שטראף פאר גוט אננעהמען!" אונ רחלע האט פון דער מינוט איהרע טהרערן געשלונגען אונ מעהר ניט געוויינט. דער עולם האט דער נייל אבגעדאווענט. דיא קינדער האבען דריי מאל קדיש געזאגט, מען האט דעם קאפיטעל מ"ט געזאגט אונ ר' שלמה האט זיך פון דאס ניי פאנאנדער געוויינט; זעלבסט ווען אלע האבען א פוסק געמאכט נאך דעם דאווענען, איז ער פון חדר ארויס אונ האט זיך צוריק אהין געזעטצט שבעה אויף זיין ארט וואו ער איז פריהער געזעסן.

א שכן האט אריינגעטראגען בייגעל מיט אבגעקאכטע אייער, אונ דיא אבלים האבען, וויא דער מנהג איז, די ערשטע סעודה א פרעמדע געגעסן. רחלע האט ניט געקאנט עסען אונ האט קוים מיט געוואלד א פאר ביסען פון דעם טרויעריגען מאלצייט אראפ געשלונגען.

דער פעטער האט פאר זיי פארגעלייענט איוב: זיינע צרות אונ זיין בטחון אין גאט, רחלע האט עס גוט אויסגעהערט, נור צביה'לע די צדקת איז איהר נאך אלץ פאר איהרע אויגען געשטאנען. „אך", האט זיא צו זיך געזאגט, „צביה'לע האט נאך מעהר געדולד געהאט פאר איוב'ן, ווער איז צביה'לע געוועזען? ווי וואלט איך וועלן אזא פרוי נאך זעהן אין היינטיגען דור, ווי וואלט זי מיך טרעסטען איצט! דער פעטער זאגט: עס קאן זיין, איוב איז גאר ניט בעשאפען געווארן, נור אונזער קלוגער משה האט עס א משל געשריבען, ווי גרויס דעם מענשענס בטחון אין גאט דארף זיין, אבער צביה'לע האט געלעבט, מיין פאטער האט זיא נאך געקענט אונ וויפיעל שאנע אונ גוטע מדות איהרע האט ער מיר פון איהר ערצעהלט! אך, ער וועט מיר שוין אזעלכעס קיינמאל מעהר ערצעהלען!" די ערינערונג אז זי וועט איהם שוין ניט מעהר הערן, האט ארויסגערופען נייע טהרערן אין איהרע אויגען.. א, איך קאן פון צביה'לען זיך ניט אבלערנען!" האט זי זיך געזאגט, אונ ווער ווייס אויב איהרע שמערצען, וואס

זי האָט געליטען זעגען געוועזען גרינגערע? זי האָט נור דעם כח געהאַט דיזע שמערצען ניט אַרוים צו ווייזען אָבער וואָס זיא האָט אין הערצען געטראָגען האָט זיא נור, און גאָט אין הימעל געוואוסט. וויפיעל מיר וועט מעגליך זיין, וועל איך אונז גאָט נור מיינע ליידען וויסען!

אזוי האָט זיא זיך פאַרנומען און איז רוהיג געזעסען ביז פאַר נאַכט. דער ערשטער ביטערער שבעה טאָג איז אַריבער, פאַר נאַכט האָט זיך דער פעטער אויפגעהויבען פון דער ערד און האָט געהייסען אויפשטעהן, דאָס פנים פון טהרערן אָבוואַשען און בענטשען ליכט לכבוד שבת ווי אַלע מאָל. חיהלע האָט ליכט געבענטשט, אָבער ווי רחלע איז צו געגאַנגען צו איהרע דריי לייכטער, דערזעהן דעם פאָטערס אָרט וואָס וועט שוין לעדיג בלייבען, איז איהר אַ נייער שטראָם טהרערן אונטערגעלאָפען, זיא האָט די האַנד אויף איהרע אויגען אַרויף געלעגט, ניט זיא זאָל די אָנגעצונדענע ליכט פאַר דער ברכה ניט זעהן, אָבער דיא געבענטשטע שבת ליכט זאָלען איהרע טהרערן ניט דער זעהן. „איך קאָן ניט, איך קאָן ניט!“ האָט איהר הערץ געשריען, אָ, איך קאָן קיין צביהלע ניט זיין!......

# ד׳.

דער וואָס איז געבוירען און געצויגען שטאַנדיג אונטער דעם הייסען ברענענדען הימעל פון אַפריקאַ און האָט נאָך קיינמאָל קיין פראָסט ניט געפיהלט, קיין שניי און אייז ניט געזעהן, ווען אַ צופאַל אָדער אַ אונגליק וואָלט איהם געבראַכט פלוצלונג צו אונז אין אונזער קאַלטען צפון, מיט אונז צו לעבען אַ קאַלטען ווינטער אונטער צוואַנציג אָדער דרייסיג גראַדאָווע פראָסט, ווי פערצווייפעלט וואָלט ער זיך פיהלען, ווי שווער וואָלט איהם זיין דיא קאָלט און שניי צו דערטראָגען! ער וואָלט אויך ניט גלויבען קאָנען אונזער וואַהרע טראָסט, וואָס מיר קאָנען איהם אין אַזאַ פאַל טראָסטען דאָס ניט איביג איז ביי אונז קאַלט, ניט איביג ווינטער, און אַז אין אַפאָר חדשים אַרום וועט ביי אונז אויך וואַרעם ווערן, עס וועט זאָגאַר הייס זיין, כמעט אַזוי הייס ווי ביי איהם דאָרט אין זיין הייסער אַפריקאַ. „פאַלשע טראָסט, פאַלשע האָפנונג!“ וואָלט ער זיך קלאָרן, וויא קאָן זיך אָט דער פערפראָרענער דרויסען גאָר אָנוואַרעמען אַמאָל? וויא קאָנען אָט די בערג שניי מיט דעם דיקען פעסטען אייז גאָר צוגעהן? וויא קאָנען אָנשטאָדט דער ווייסער קאַלטע אייז דעקע, די פעלדער דאָ זיך בעדעקען מיט גרינעם גראָז, מיט פאַרביגע שאָנע בלומען ווי דאָרט ביי מיר אין מיין לאַנד?...

רחלע איז אין איהר פלוצלונגען אונגליק צו אַזאַ אַפריקאַנער גליך געוועזען, זי האָט ביז דעם טאָג פון איהר פאָטערס טוידט, כמעט נאָך ניט געוואוסט וואָס אונגליק הייסט: פאַר איהר איז דאָס לעבען נור אַ פערגניגען געוועזן און די וועלט אַ איביגער זאָמער מיט איביג גרינע פעלדער וואו עס בליהען שאָנע בלומען, איהר אויג און הערץ צו דערפרעהען; פלוצלונג האָט אַ שטורעם ווינד אויסגעריסען זיא פון איהר שאָנער וואַרעמער היים און האָט זי אַוועג געטראָגען אין אַ נייע וועלט, וואו עס איז אַזוי קאַלט, אַזוי מיט שניי בעדעקט, און זיא האָט ני׳ געקאָנט גלויבען אין דעם אָרט

נאך אמאל אליעבען זומער צו זעהען ... אלע טראסט האט איהר אויסגעוויזען אונמעגליך אונ איהר הערץ אין איהר האט ניט אויפגעהערט צו שרייען: דוא וועסט שוין דיין ליעבען פאטער ניט זעהן, ער איז געשטארבען אונ דוא קאנסט שוין ניט מעהר גליקליך זיין! אונ דאן האבען זיך געגאסען איהרע טהרערן אונ זיא האט צביהלע מחילה געבעטען, וואס זיא קאן אזוי שטארק אונ אזוי געדולדיג ניט זיין.

איהר פעטער אונ נאך מעהר איהר מוטער האבען אויף זייער אונגליק אויך געקלאגט, אבער זיי האבען שוין דעם ווינטער מיט די פראסט פונ'ם לעבען פערזוכט אמאל אונ האבען געוואוסט, דאס זעלבסט דאן ווען דער דרייסיג גראדאווער פראסט פערגעהט אונטער דיא נאגעל אונ דאס הערץ ווערט פערקלעמט פון וועהטיג אונ קאלט, ברויך מען פון דעסטוועגען ניט פערגעסען, אז נאך אין א חדש אדער אין צוויי, וועט צוריק ליכטיג אונ ווארעם ווערן אונ די זומערדיגע קליידער זענען ניט איבריג; ווינטער איז ווינטער אונ זומער וועט ווייטער זיין זומער, די וועלט פיהרט זיך שוין אזוי פון עביג אן, דער מענש מוז צו אלץ געוואהנט ווערן! דאריבער האבען זיי נאר דאן פילאזאפיא געקאנט זאגען: „גם זה יעבור" אויך דיזעס אונגליק וועט באלד פערגעסען ווערן!

נור האטש רחל'ע האט ניט געגלויבט אז איהר וואונד אין הערצען וועט זיך פערהיילען, האט זיך דיא נאטור געטהון דאס איהריגע: שטענדיג וויינען, האט זיא אזוי פיעל טהרערן ניט געהאט, שטענדיג ניט עסען, האט דער הונגער ניט דערלאזען. ביסלעכווייז האט זיא אויפגעהערט צו וויינען, ביסלעכווייז האט זיא אנגעהויבען עסען אונ ביסלעכווייז האט זיך, גאנץ אונבעמערקט, אויך איהר וואונד אנגעהויבען היילען. זיא האט זיך דערמאנט: זי איז דאס עלטעסטע קינד פון איהר פאטער געבליבען, דיא קליינע יתומים זענען אהן איהר אונבעהאלפען, אויף איהר ליגט דיא פליכט אנשטאט דעם פאטער זיי טריי צו זיין דיא קינדער זאלען קיינע פערלאזענע עלענדע יתומים ניט זיין, אונ זי האט פון איצט אן ניט געשלאפען אונ ניט גערוהט, די קינדער זאל נישט פעהלן, קיינער זאל זיי קיין שלעכטס טהון אונ אויך זיי קיינעם. זי האט אנגעהויבען זיי אנטהון אונ אויסטהון, זיי אפהיטען פון שעדליך עסען, פון שעדליכע בעקאנטשאפט, איהרע פרייע שטונדען פערברענגען מיט זיי אין קלוגע אונ געטרייע אונטערהאלטונגען, נאך זייערע יאהרן אונ זייער שכל נאך. דיזע נייע בעשעפטיגונג האט זי געטראסט. איהר הערץ איז רוהיג געווארן, אויך איהר שאן געזיכט האט צוריק בליהען אונ שיינען אנגעהויבען ווי געוועזען. זי האט אויך משה'לען אנגעהויבען צו דערמאנען אונ דאס בענקען נאך איהם, איז איהר אנגענעהם געוועזען וויא די ערשטע ווארימע שטראהלען פון דער זונן אין פריהען פריהלינג בעת רונד אונ ארום בלאזען נאך קאלטע ווינטען; פון ווייטען ערגעץ האט איהר, א ווארימער שטראהל געטראסט אונ האפנונג איינגעהויכט, אז עס וועט אויך באלד זומער ווערן: דאס זענען געוועזען משה'לעס בריוולעך, וואס דער פאצטעליאן פלעגט איהר איינגעהאנדיג אבגעבען, ווי זי האט נאך פון פריהער בעזארגט.

הייעלע איז באלד נאך שבעה אריבער געפאהרן צו איהם זאל לעבען, אז זי איז [illegible]יק געקומען האט זי זיך אנגעהויבען צוגרייטען צו דער ווייטער [illegible]. [illegible] וואס

איהר ליעבער מאן איז געשטארבען, און וואו זיין געלד איז ווי אויף שבעה ימים צו־שפרייט געבליבען.

ר׳ שלמה האט געמוזט מיט איהר פאהרן אין אויעזדנעם גאראד, דארט פערטיג מאכען אלע פאפירען און דאקומענטען וואס זי מוז מיט זיך מיטנעהמען. פון דארט איז ר׳ שלמה אהיים געקומען אליין, היי׳עלע איז גלייך אוועק אהין וואו איהר מאן איז געשטארבען.

אנפאנגס פלעגען די קינדער פון איהר בריוועלעך ערהאלטען אלע פאסט. אין וועלכע זי האט זיי מודיע געווען, אז אלץ געהט גוט, תבואה איז איצט אין צווייטען טהייערער געווארן, און סוחרים קויפען אב די נאכגעלאזענע קאנטראקטען מיט ריוח און פלעגט רחלען טראסטען און בעטען אכטונג געבען אויף דיא קינדער, איהרע ארעמע יתומים׳לעך, און זעהן די ביכער פון זאוואד זאל דער פעטער פיהרן מיט ארדנונג, אכטונג געבען עס זאל אלץ געהן כשורה. אזוי איז א חדש אריבער געגאנגען, אין די לעצטע בריף האט זי געשריבען: עס זענען נאך אלץ דא מניעות וואס זי קאן נאך אהיים ניט פאהרן און מוז דא נאך בלייבען א וואך אדער צוויי ביז נאט וועט זיך ערבארימען.

דיזע ידיעות האבען רחלען און ר׳ שלמה׳ן בעאונרוהיגט: לייטישע צינגער האבען גערעדט, אז היי׳עלע וועט דארט בודאי מיט יעמאנדען חופה האבען און וועט מיט איהם ארויפקומען אהיים, זי טהוט עס מיט א כוון אזוי, ווייל דא וועט עס איהר שווער זיין יוצא צו זיין פאר איהרע קינדער, פאר איהר שוואגער און פאר אלע וואס קענען זיא אבער אז עס וועט שוין זיין א זאך וואס איז אבגעטהון געווארן, וועט מען מוזען מסכים זיין.

דיזע גאנץ אהנע גרונד, בעליידיגענדע רייד איז צו ר׳ שלמה׳ן און צו רחל׳ען אויך אנגעקומען און דאס האט זיי ביידען עגמת נפש געמאכט און נאך מעהר, וואס זיי ביידע האבען מכח דעם ניט געקאנט רעדען. דערצו האט נאך ר׳ שלמה א גראבערע לייד געטראגען, וואס ער האט בסוד געהאלטען פון רחלען: משה׳לעס זיידע האט אין א בריף אנגעפרעגט וואס קאן עס זיין, וואס משה׳לע פערברענגט דא אזוי לאנג ביי זיינע פעטערס? און וואס איז די סבה וואס ער שרייבט גאר ניט?

— נאך אמאל וואס שרייבט ער? האט זיך ר׳ שלמה איבערגעפרעגט, איז דען משה׳לע ניט אהיים געפאהרן גלייך? וואס איז דא פאר א ניי אונגליק? ער האט באלד א בריף געשריבען, דאס עס איז שוין דער דריטער חדש זייט משה׳לע איז צוריק אהיים געפאהרן און האט געבעטען ווי נאט איז זיי ליעב תיכף צו מעלדען, וואס וויסען זיי פון איהם, צו איז ער ניט געפאהרן צו זיין מוטער, אדער צו איז ער חלילה ניט קראנק געווארן אין וועג? צו ר׳ לייזערס טוידט, האט ער געשריבען, איז דאס ניי אונגליק, פון משה׳לעס פערפאלן ווערן, א צוגאב.

דיזע נייע אנגסט, האט דער געטרייער פעטער פון רחל׳ען בעהאלטען, ער האט ניט געוואלט מצער זיין מיט נייע זארג און צער. רחלע האט געוואוסט, אז משה׳לע איז שוין אין ברעסלוי, ער איז געזונד און לערנט און איז מיט זיין לערנען און לערער צופרידען. אין זיין ערשטען בריוועלע האט ער געבעטען פארבעריטען

דעם פעטער ר' שלמה'ן איהם זאל פלוצלונג ניט איבערראשען די ידיעה, וואס ער איז אוועק געפאהרן שטודירן; נור אין איהר טרויעריגען בריוועל אין וועלכען רחל'ע האט איהם די באזע בשורה אנגעזאגט דאס איהר ליבער פאטער און זיין טהייערער פעטער איז געשטארבען, האט זי איהם געבעטען: ער זאל איצט בעסער וועגען זיך צום פעטער נישט שרייבען, די פאמיליע איז ביז איצט אויך ניט געוואהנט געוועזן פון איהם בריוועלעך צו ערהאלטען, וועט מען גאר ניט אונרוהיג זיין אז ער וועט דערווייל ניט שרייבען, דאגעגען קאן די אונגעריכטע ידיעה פון זיין שטודירן דעם אלטען פעטער טרעפען ווי א קויל אין הערצען און אויף דעם טרויער וואס ער טראגט אין זיך אויף זיין ליעבען ברודער וואס איז ערשט געשטארבען, וועט דער נייער טרויער איבער זיין שטודירן — איהם ביז דער ערד צודריקען. משה'לע האט איהר טרייע עצה געפאלגט און ניט געשריבען צו דער פאמיליע ביז א צייט.

אזוי האבען זיי ביידע: דער טרייער פעטער און טרייע פלעמעניצע, איינער פון אנדערן בעהאלטען, פערשטיקט אין זיך דאס וואס זיי ווייסען פון משה'לען.

איינמאל זיטצענדיג ביי זיך אין דערהיים, איז דער פאצטעליאן אריינגעקומען און האט ר' שלמה'ן א בריף דערלאנגט. ר' שלמה האט אנגעטהון זיינע ברילען און האט אנגעהויבען לעזען, דאס איז געוועזען א בריף פון משה'לעס זיידען אין זעהר א הויכער לשון הקדש מליצה געשריבען, נור מאנכע ווערטער פון דעם בריף לאזען זיך איבערזעטצען. אנגעהויבען האט ער זיך מיט דעם לשון:

„ניט א מענש פון א בשורה בין איך היינט, א פארכט האב איך געפארכט איז זי מיר געקומען, ווער וואלט עס מיר געזאגט? ווער וואלט גאר געגלויבט צו דיא באזע הארונג וואס איך האב פערנומען און עס האט געציטערט מיין בויך! דער זוהן וואס איך האב געהאדעוועט און האב איהם ערהאבען וועט פאלשען אין מיר? וועה צו די אויהערן וואס הערן אזוי! משה'לע, דער ארויסגעהער פון מיין דיך, דער געלוסטיגער פון מיין אויג, וועט ארויס געהן צו א שלעכטע אויפפיהרונג און וועט זיך אוועק געהן אין א ארט וואו מען קען איהם ניט און וועט דארט טהון אלץ וואס זיין הארץ געלוסט!

וועה געשריען! אבגעקעהרט האט ער פון גאטעס וועג און האט אוועק געלאזען א לעבען פון אייביג און איז זיך עוסק אין א לעבען פון א שעה, ער האט אוועג געלאזען און ארויסגעטריבען די ווירטהין, די הערשערין אונזער הייליגע תורה און טהוט זיך בעהעפטען אן דער דינסט, אן דיא פרענלערקעס און אין די קאבערקעס. דיא אויסווענינסטע חכמות וואס קומען ארויס פון דער אנדערער זייט און וואס ברענגען צו אויסגעלאסענהייט, צו אפיקורסות, רחמנא לצלן, און וואס וועט זיין זיין סוף? אין דער טיפענעס פון זומפיגען ליים וועט ער טהון ברוסען אויף זיין לעצט, ער וועט זוכען דאס ליכט צו געהן אין גאטעס אנגעזיכט, אבער ער וועט געהן אין דער פינסטער, ווי די טוידטע אין שטאק פינסטערניש! גאט האט א שטארקען בראך צעבראכען אין עוזה! ער האט אראפגענומען מיין קרוין און האט געלאזט רוהען צו דער ערד מיין כבוד. איך בין געווארן ווי א לאגעל אין רויך און מיין קאפ איז מיר ווי דער בארג כרמל! מיין טוידטער ליגט נאך פאר מיר ווער קאן מיר טרייסטען? עס איז גרויס ווי דער ים מיין בראך! און ווי זאל איך אפעגען אמויל ארויס צורעדען? ווי זאל איך

פּאָנאַנדערגעזעצטע מײַנע ליפּען ? עס האָט מיך אָנגענומען אַ ציטערניש און מײַנע לענדען און אַלע קנײעס טהון צו גיהן ווי וואַסער ! דעם ווײנשטאָק וואָס איך האָב געפּלאַנצט צעריסט אַרום דער חזיר פון וואַלד, און דער זיז פון פעלד פיטערט פון איהם ! — ווער וואָלט געגעבען מײן קאָפּ וואַסער און מײַנע אויגען אַ קוואַל טהרערן וואָלט איך באַוויינען די שׂרפה וואָס גאָט האָט פערברענט ! ווער וואָלט געגעבען מיר אַ פליגעל פון אַ טויב וואָלט איך פליהען און וואָלט רוהען און אַז צווישען שטערן וואָלט ער טהון זײן נעסט וואָלט איך פון דאָרט אויך איהם ברענגען און אומקעהרן צו פעסטיגקייט אומ־צוקעהרן דאָס האַרץ פון עלטערן צו קינדער און קינדערס האַרץ צו עלטערן. — אַזוי ווייטער, מיט דעם זעלבען לשון נאָך צוויי פּאַצטאָווע ביגעלעך פּאַפּיר פון אַלע פיער זײַטען. צום ס[...]ז אויך די חתימה געווען אין לשון הקודש: „אַזוי רעדט דער וואָס בוקט זיך צו דעם פוס באַנקעל פון אײַערע פיס, דער יונגסטער פון די טויזענדער פון מנשה, דער וואָס שרייבט און חתמעט אין דעם טאָג וואָס איז געטאָ־פּעלט אין איהם „עס איז גוט" שרגא פייבוש סגל".

ר' שלמה האָט דעם בריף איבערגעלעזען צוויי מאָל און נאָך אַלץ ניט געוואוסט וואָס ער וויל ? וואָס מיינט ער איהם אָנצוזאָגען און וואָס פערלאַנגט ער פון איהם ? פון דעסטוועגען איז איהם די מליצה געפאַלען און האָט אַלין איבער גערעדט:

„ער קען שרײַבען", „אַ מליץ נפלא", „אַט, דאָס הייסט לשון הקודש !"

— וואָס שרײַבט ער ? האָט די פרוי זײַנע געפרעגט, איז שוין משה'לע געקומען אַהיים ? איז ער געזונד ? וואו איז ער אַזאַ לאַנגע צייט געוועזן ? ר' שלמה האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

— זעהסטו, איך האָב געזאָגט: ער איז אין איין גאַנג אַריבער געפאָהרן צו דער מוטער זײַנער און האָט דאָרט פערבראַכט בײַ איהר עטליכע וואָכען, האָט זיא זיך מסתּמא ... אַרויסגעהאַפּט, וואָס איז ? ניט אַ נחת פאַר אַ מאַמען אַז קומט אַזאַ זוהן ? עס איז נור אַ וועהטיג פאַר איהר נעביך, וואָס זי דאַרף אַזאַ קינד לאָזען בײַ לײַטען און קאָן איהם בײַ זיך ניט האַלטען צו ליעב איהר מאַן; אוי איז דאָס אַ וועהטיג, זאָל קיין יודישע מוטער דערצו ניט געפּרובט ווערן !

— וואָס מוטער ? ווען מוטער ? האָט ר' שלמה אין כּעס אויסגעשריען, ניט דאָס שרײַבט ער גאָר. ער דערמאָנט גאָר ניט וועגען זײַן פאָהרן צו דער מוטער זײַנער.

— וואָס זשע דען שרײַבט ער אַזאַ לאַנגע מגילה אויף צוויי בויגען פּאַפּיר ?

— ער שרײַבט ווי אַ יוד וואָס קען שרײַבען, וואָס ווייס ווי צו שרײַבען ! האָט ער געענטפערט, הויכע, גאַנץ הויכע לשון הקודש שרײַבט ער, יעדעס וואָרט איז אַ פּערל, ער קען בעסער פאַר די יונגע, אַזוי האָב איך שטענדיג געזאָגט: וואָס מיר אַלטע האָבען פערגעסען קענען נאָך די יונגע ניט, ער איז אַ מליץ נפלא ?

— וואָס פונדעסטוועגען דערצאָהלט ער פאַרט פון איהם ? וואו איז ער געוועזען ? וואָס מאַכט ער ? איז ער האָטש געזונד ?

— וועגען דעם דערמאָנט ער גאָר ניט ! ער שרײַבט, עפּיס אַז ער איז אַ שײַנער בעל תּאווה געוואָרן, ער וויל ניט לערנען, אָט וואָס ער שרײַבט !

— אַ כּפּרה, ער איז געזונד אַ דאַנק גאָט ! האָט די מוהמע צופרידען אויסגערעדט.

ווייסטו, האטש איך פלעג דיך טרייסטען, מיר אבער פלעגט דער מוח הויבען, נאט ווייס וואס מיט איהם איז געשעהן? א ציטריג קינד איז שטאנדיג אין מעהר סכנה אז עס פאדערט אין אנווע. פלעג איך קלערען. טאקי דערפאר האט זיך אונזער פאטער יעקב אבינו אזוי געבעטען ביי זיינע זיהן זיי זאלען זיין ציטריגען בנימינ'ן ניט מיט נעהמען. משה'לע איז א שיינאץ? מאג גאט בעגשען מיט אזעלכע שקצים אלע יודישע טאטע און מאמעס! נישקשה, ער האט איהם מסתמא איינגערוונט; אפשר איז ער שוין מיד געוואָרן איהם האלטענדיג? וואלט איך עס נור פריהער געוואוסט וואלט איך איהם פון דאגען ניט אבגעלאזען. און אפשר איז ער געערבט: פאר וואס איז ער באמת מעהר מחויב איהם צו האלטען וויא מיר? ווער וועט נאך הונדערט צוואנציג יאהר נאך אונז קדיש זאגען אז ניט ער?

— איך האב זיך דאך ביי איהם געבעטען, ער זאל דא בלייבען, דוא ווייסט דאך אליין, וואס זשע רעדסטו? האט ר' שלמה מיט א פאראיבעל געאנטפערט. וואס שיטסטו מיר נאך זאלץ אויף מיינע וואונדען? דאס הארץ איז אין מיר געגוג אויסגעריסען פון זיין זיידענס בריוועל. עפיס קלאגט ער און ווייגט אין איהם און איך ווייס ניט וואס ער וויל. הלואי זאל ער איהם נור אבלאזען, ווי איך וואלט איהם צונעהמען מיט ביידע האנדט!

— ווייסטו וואס מיין מאן? האט זיא א עצה געגעבען, נעהם שוין א טינט און פעדער און שרייב אב: האטש משה'לע איז א שיינאץ פון דעסטוועגען וועט ער ביי אונז טהייער זיין ווי דאס אויג פון קאפ און מיר וועלן איהם האלטען בעסער וויא א אייגען קינד! זאל ער, למען השם, קומען אהער וואס גיכער! אט וואס ווערט פון קינדער אז א מוטער נעהמט א צווייטען מאן, מען מארפט זיך אום מיט זיי! ניין, ביי אונז וועט ער ניט איבריג זיין, ווי א אבן טוב וועל איך איהם אבהיטען; גענוג איהם שוין דארט ליידען, מיין פויגעלע!

ר' שלמה איז שוין גרייט געוועזן אויפצושרייבען אזא בריוועל, ווי זיין קלוגע פרוי הייסט, אבער אין דער מינוט האט ער בעמערקט דאס אויף דער ערד ליגט נאך א ביינגעלע אנגעשריבען פאפיער, ער האט זיך תיכף געהאפט אז דאס האט געמוזט ארויספאלען פון דעם זעלבען בריף, ער האט עס אויפגעהויבען און האט אנגעהויבען לעזען: לכבוד האשה הצנועה מרת דבורה תחי'".

— דאס איז צו דיר, מסתמא פון דער באבען זיינער, האט ער ערקלערט און זיין פרוי דאס בריוועל איבערגעבען. זיא האט אויך אנגעטהון איהרע ברילען און האט געלייענט: „ערשטענס מעלדע איך אייך, ליבע מחותנתטע, דאס איך מיט מיין אלטען זענען ברוך השם געזונד, גאט זאל געבען דאס נאמליכע פון אייך צו הערן אמן! שנית בעט איך אייך, איהר זאלט אויך אזוי געטריי זיין אייער פלעמעניק און האבען רחמנות אויף אונז אלטע לייט.— אונזער טהייער אייניקעל משה'לע האט אונז פינסטער געמאכט דיא וועלט און וועט אונז נאך פינסטערער מאכען אין קבר אויך; איהר זאלט ניט שווייגען אין דעם און זעהן איהם אראפ צוברענגען צוריק פון דיא שטודירענעש וואס א שטן מחבל האט איהם פערפירט! איך מיט מיין אלטען, זאל געזונד זיין זענען שוין אלטע לייט, ביז איצט האבען מיר אויך גענוג צער געהאט פון קינדער.

נור אַזאַ גְזֵרָה אַזאַ פּוּרְעָנִיּוֹת הָאבֶּען מִיר נָאךְ נִיט גֶעהַאט; אוּנְזֶער אֵיינִיקֶעל וָואס הָאט גָאט אוּנְז לַייטֶען מְשַׂמֵחַ גֶעוֶועזֶען מִיט זַיין תּוֹרָה, זָאל גֶעבִּיךְ גָאר פֶערְפִירְט וֶוערֶען אוּנ אַוֶועק פָאהרֶען אִין טַייטְשֶׁעלַאנְד דָארְט שְׁטוּדִירֶען, וֶוערֶען אַ מוּפְקָר אִינ פֶערְגֶעסֶען דֶעם יוּדִישֶׁען גָאט, דֶעם גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען: אַבְרָהָם, יִצְחָק וְיַעֲקֹב?! מַיין אַלְטֶען הָאט דִיא יְדִיעָה וִוי אַ דוּנֶער דֶערְשְׁלָאגֶען אוּנ עֶר וֵויינְט אוּנ קְלָאגְט. עֶר שֶׁעמְט זִיךְ אִין אַ מָקוֹם קָדוֹשׁ אַרַיינְצוּקוּמֶען; אִיךְ קָאן אוֹיךְ מַיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפֶן גַאס נִיט אַרוֹיס וַוייזֶען, גָאט זָאל כּוֹחוֹת אוּנְז גֶעבֶּען דִי יְסוּרִים אַרִיבֶּער צוּטְרָאגֶען! אַייךְ בֶּעט אִיךְ, אַזוֹי וִוי אַייךְ הָאט גָאט נִיט גֶעבֶּענְשְׁט אֵייגֶענֶע קִינְדֶער צוּ הָאבֶּען, אוּנ נִיט הָאבֶּען דֶעם צַעַר פוּן זֵיי צוּ הָאבֶּען אוּנ הָאדִיוֶוען, בֶּעט אִיךְ אַייךְ: אִיהר זָאלְט אוּנְזֶער צַעַר פִיהלֶען, אוּנ בַּאלְד פָאהרֶען אַהִינְצוּ וואוּ עֶר שְׁטוּדִירְט אוּנ מִיט גוּטֶען אָדֶער מִיט בֶּאזֶען אֲפִילוּ אִיהם בְּרֶענְגֶען אַהֵיים צוּ אוּנְז. אָדֶער אִיהם הַאלְטֶען בַּיי זִיךְ; אַ גוּט קִינְד אִיז עֶס אוּנ אַז אִיהר וֶועט אִיהם זָאגֶען אַז זַיין גֶעטְרַייֶער זֵיידֶע אוּנ בָּאבֶּע וֶועלֶען פוּן דֶער וֶועלְט אַוֶועק אָהן אַ צַייט אִיבֶּער זַיין שְׁטוּדִירֶענֶעם — וֶועט עֶר רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוּנ קוּמֶען צוּרִיק. רֶעדְט נוּר מִיט גוּטֶע תַּחֲנוּנִים'דִיגֶע רֵייד מִיט אִיהם! אוֹיף כַּפָּרוֹת, אוֹיף אַלֶל דִי שְׁוַוארְץ יָאהר, זָאגְט אִיהם, דַארְף עֶר דָאס שְׁטוּדִירֶענִישׁ. אַ קְלֵיינִיגְקֵייט, וָואס פַאר אַ גְלִיק עֶר וֶועט הַאבֶּען, אַז עֶר וֶועט שׁוֹין וֶוערֶען אַ דָאקְטָאר!.. וֶועט עֶר מַאכֶען אַ קַאגֶע, זָאגְט אִיהם, אוּנ גֶעהמֶען צְוֵויי גִילְדֶען, אַזוֹי קָאן עֶר בֶּעסֶער נֶעהמֶען נַבֶן אַ סַךְ טוֹיזֶענְדֶער. אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם; זָאגְט אִיהם, אַז מִיר זֶענֶען שׁוֹין אַלְטֶע לַייט אוּנ וִויפִיעל וֶועלֶען מִיר נָאךְ לֶעבֶּען? נָאךְ אוּנְזֶער טוֹידְט, וֶועט דֶער זֵיידֶע אַלְץ אִיהם אָבְזָאגֶען, אַלְץ: דִי שְׁטוּב, דִיא סְפָרִים מַיין אַלְטֶענְס. אֲפִילוּ דִי שְׁטָאדְט אִין מִזְרַח וַואנְט אִין דֶער קַאלְטֶער שׁוּל, מִיט זִיךְ אַהָאר נִיט נֶעהמֶען אִין קֶבֶר אַריין. וֶועה צוּ מַיינֶע יָאהרֶען, וואוּ אִיז זַיין שֵׂכֶל? וָואס בֶּעדַארְף עֶר זַיין אַ דָאקְטָאר? גָאט וֶועט אִיהם אוֹיךְ שְׁפַּייזֶען אוּנ עֶר קָאן נָאךְ רֵייכֶער זַיין, מִיט זַיינֶער הִילְף. וִוי הוּנְדֶערְט דָאקְטוֹרִים, זָאגְט אִיהם!. אַז ר' לֵייזֶער עָלָיו הַשָּׁלוֹם, זַיין פֶעטֶער וָואלְט גֶעלֶעבְּט, וָואלְט אִיךְ צוּ אִיהם גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶר וָואלְט נִיט דֶערְלָאזֶען מִסְתָּמָא, אַז זַיין טְהַייעֶרֶער פְלֶעמֶענִיק זָאל אִיהם מַאכֶען אַזאַ פְלֶעק אִין זַיין שֶׁאנֶער מִשְׁפָּחָה. אִיצְט זָאל עֶר שׁוֹין זַיין אַ גוּטֶער בֶּעטֶער פַאר אוּנְז אַלֶעמֶען! צֶעבְּרָאכֶען זֶענֶען מִיר פוּן זַיין טוֹידְט גֶעוָוארֶען. אוֹיף אַייךְ לִיגְט אִיצְט דֶער חִיּוּב אַייעֶר פְלֶעמֶענִיק פוּן אַלְל דָאס בֶּאזֶע אַרוֹיס צוּנֶעהמֶען. אִיךְ בֶּעט צוּ גֶערִיסֶען דִיא אַלְמָנָה הַייעֶלֶען, מִיט אִיהרֶע פְרִישֶׁע יְתוֹמִים, זָאלֶען לֶעבֶּען אוּנ גֶעזוּנְד זַיין; גָאט זָאל זֵיי אַ פָאטֶער זַיין אוּנ חַייעֶלֶען אַ דַיָּן אֱמֶת, פוּן מִיר אַייעֶר פְלֶעמֶענִיקְס בָּאבֶּע וָואס גֶערִיסְט אַייךְ מִיט אַייעֶר מַאן זָאל לֶעבֶּען, שִׁפְרָה פְרֵיידֶע סֶעגַאל".

אוּנְטֶער דֶעם בְּרִיף אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיבֶּען נָאךְ אַמָאל אוֹיף לְשׁוֹן הַקּוֹדֶשׁ „הָעִיקָּר שֶׁכַּחְתִּי: דִיא שְׁטָאדְט וואוּ עֶר שְׁטוּדִירְט, הֵייסְט בְּרֶעסְלוֹי אִין דֶער מְדִינָה פְּרֵייסֶען. תנ"ל".

— וָואס זָאגְסְטוּ דוּא דֶערְצוּ? וִוי גֶעפֶעלְט דִיר אַזאַ גְזֵרָה? הָאט דִי מוּהְמֶע אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנ פֶערְבְּרָאכֶען דִי הֶענְדְט, וֶועה צוּ אוּנְזֶערֶע יָאהרֶען, וָואס מִיר הָאבֶּען זִיךְ דֶערְלֶעבְּט!

— דֶער קָאפּ מֵיינֶער הוֹיבְּט זִיךְ מִיר אוֹיף! הָאט ר' שְׁלֹמֹה אַ קְרֶעכְץ גֶעטְהוּן, אוֹיף

אַזאַ מִין אוּנְגְלִיק הָאבּ אִיךְ קֵיינְמָאל גָאר נִיט גֶערֶעכֶנְט ! דָאס הַארְץ הָאט מִיר גֶעזָאגְט, אַז פוּן זַיינֶע הִתְחַכְּמוּת צוּ פָאַרְשְׁטֶעהְן – מַה לְמַעְלָה וּמַה לְמַטָּה – וֶועט קֵיין נוּטְס נִיט אַרוֹיס, אָבֶּער אוֹיף אַזאַ גְזֵר, אוֹיף אַזאַ חֶרְפָּה אוּנ בּוּשָׁה הָאבּ אִיךְ נִיט גֶערֶעכֶנְט ! אָט אַזוֹי הָאדִיוֶועט זִיךְ אוֹיס אַ יָתוֹם אָהְן אַ פָאטֶער, אָהְן אַ טְרַייא אוֹיג וָואס זָאל אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוּנ אִיהם מַדְרִיךְ זַיין אִין גָאטֶעס וֶועגֶען ! דוּא בִּיזְט גֶערֶעכְט, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, עַל כָּל הַבָּא עָלַי ! אוֹיף אַלְץ וָואס קוּמְט אוֹיף מִיר ! דוּא הָאסְט אִין דַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה גֶעשְׁרִיבֶּען : שַׁלֵּחַ תְּשַׁלַּח אֶת הָאֵם וְאֶת הַבָּנִים תִּקַּח לָךְ : דִי מוּטֶער זָאלְסְטוּ פְרַייא לָאזֶען אוּנ דִי קִינְדֶער זָאלְסְטוּ זִיךְ נֶעמֶען, אוּנ דוּ גֶערֶעכְטֶער פָאטֶער, גֶעהְמְסְט צוּ דִי עֶלְטֶערְן פוּן דִי קִינְדֶער צוּ זִיךְ אוּנ דִי קִינְדֶער לָאזְטוּ זֵיי זָאלֶען וַואקְסֶען וִוי דִי ווִילְדֶע גְרָאז אִין דֶער מִדְבָּר, אָהְן אַ פָאטֶער אוּנ אָהְן אַ רֶעכְטֶען וֶועג וַוייזֶער, נוּ אִיז אַ חִידוּשׁ אַז זֵיי גֶעהְן פוּן וֶועג אַרָאפּ אוּנ דֶער, שָׂטָן דֶער יֵצֶר הָרָע הָאט שְׁלִיטָה זֵיי צוּ פֶערְפִירֶען אִין בֶּאזֶע שְׁטֶעגֶען ? – פַאר וָואס, גָאטוּנְיָא, הָאסְטוּ מִיךְ עֶלְטֶערְן בְּרוּדֶער, וָואס קֵיין קִינְדֶער הָאסְטוּ מִיר גִיט גֶעגֶעבֶּען – זֵיי דַיינֶע וֶועגֶען צוּ וַוייזֶען – פַאר וָואס הָאסְטוּ מִיךְ נִיט צוּ גֶענוּמֶען פַאר מַיינֶע צְווֵיי יוּנְגֶערֶע בְּרִידֶער, וָואס הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קִינְדֶער גֶעקֶאנְט לֶערְנֶען דַיינֶע מִצְוֹת, אוּנ וָואלְטֶען זֵיי אִין דַיינֶע וֶועגֶען גֶעפִירְט ? אַךְ, מַיין מוֹחַ הֵייבְּט מִיר, מַיין קָאפּ אִיז מִיר וִוי צוּ שְׁפַּאלְטֶען !

עֶר הָאט וִוי אַ קְלֵיין קִינְד זִיךְ פַאנַאנְדֶער גֶעוֵויינְט.

– יַא, יַא, עֶס אִיז אַ קְלָאג אַ גוּטֶער אוֹיף אוּנְז אוֹיסְגֶעגָאסֶען גֶעוָוארְן ! הָאט זִי אַנְגֶעהוֹיבֶּען, נוּר גָאט בָּרוּךְ הוּא זָאל חֶסֶד טְהוּן אִיהם אַרַיינְשִׁיקֶען אַ פְרוּמֶע מַחֲשָׁבָה אִין זַיין הַארְצֶען אוּנ עֶר וֶועט זִיךְ דֶערְמָאנֶען, וָואס עֶר טְהוּט, וֶועט עֶר צוּרִיק קוּמֶען ! אֶפְשָׁר זָאלְסְטוּ טַאקִי אַרִיבֶּער פָאהרֶן, עֶר וֶועט דִיךְ זֶעהְן, דַיינֶע קְלוּגֶע אוּנ פְרוּמֶע רֵייד הֶערְן, וֶועט עֶר רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף דַיינֶע וַוייסֶע הָאר אוּנ עֶר וֶועט צוּם שֵׂכֶל קוּמֶען אוּנ פָאהרֶן מִיט דִיר אַהֵיים.

– וִוי זָאל אִיךְ פָאהרֶן ? אִיךְ וֵוייס גָאר נִיט וואוּ דָאס אִיז, וִוי וַוייט דָאס אִיז אוּנ וִוי קוּמְט מֶען אַהִין ? הָאט ר' שְׁלֹמֹה פֶערְצְווֵייפֶעלְט גֶעקְלָאגְט, אַ חוּץ דֶעם קֶאן אִיךְ דִי נַייֶע יְתוֹמִים אַלֵיין נִיט לָאזֶען, אָהְן מִיר וֶועט גָאר דִי שְׁטוּבּ אוּנ גֶעשֶׁאפְט וִוי אַ שִׁיף אָהְן אַ רוּדֶער זַיין, הַיינְט גֶעה שְׁלֶעפּ זִיךְ אוֹיף דֶער עֶלְטֶער אַ עֶק וֶועלְט זוּכֶען דָארְט. מַיין בְּרִילִיאַנְט וָואס אִיז אִין קוֹיטְה אַרַיין גֶעפַאלֶען ! אֶנְטְפֶער מִיר גָאט אִין הִימֶעל, גִיבּ דוּ אַ עֵצָה, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן, וִוי זָאל אִיךְ אָנְהֶעבֶּען צוּ טְהוּן !

דִיא מוּהמֶע הָאט אוֹיךְ גֶעוֵויינְט, אוֹיסֶער וָואס זִי הָאט מֹשֶׁה'לֶען גֶעלִיעבְּט וִוי אַ טְרַייעֶע מוּהמֶע הָאט זִי זִיךְ גְלִיקְלִיךְ גֶעשֶׁאצְט, וָואס מֹשֶׁה'לֶע הָאט אִיהר זַיין הֵיילִיג וָוארְט גֶעגֶעבֶּען אַז נָאךְ הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר, וֶועט עֶר נָאךְ אִיהר אוּנ אִיהר מַאן קַדִּישׁ זָאגֶען אוּנ לֶערְנֶען אַ פֶּרֶק מִשְׁנָיוֹת אַלֶע טָאג, אִיצְט אִיז גָאר אִיהר לִיבּ, גֶעפוּנֶען, גֶעקוֹיפְט = קִינְד = גֶעפָאהרְן שְׁטוּדִירֶן ?.. וִוי וֶועט זִי גָאר יֶענֶע אוֹיגֶען וַוייזֶען קָאנֶען אוּנ וָואס פַאר אַ פָּנִים קָאן שׁוֹין הָאבֶּען בַּיי דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם. אַ קַדִּישׁ פוּן אַ טְרֵייפְנַאק, פוּן אַזאַ פּוֹשֵׁעַ יִשְׂרָאֵל וִוי דֶער קְלֵיינִיצֶער דָאקְטָאר, וָואס אִיז אוֹיךְ אַ גֶעשְׁטוּדִירְטֶער ? — בַּיי אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט זִי נָאךְ שְׁטַארְקֶער גֶעוֵויינְט אוּנ הָאט זִיךְ אִיהר קָאפּ אָן וַואנְד גֶעשְׁלָאגֶען. דֶער נַייכְהֶערְצִיגֶער ר' שְׁלֹמֹה, הָאט

זייגע איינע הערצען פערגעסען אז ער האט דערזעהן איהרע טהרערן און האט די אנגעהויבען טראסטען אנשטאט דעם וואס ער האט געוואוינט ביז איצט פון איהר א טראסט ווארט צו הערן. וויא עס פלעגט טרעפען ביי א געוואהנליכען אונגליק אין זיין לעבען.

— זיי זיך ניט מיאש, דבורה, האט ער מיט הערץ אויסגערעדט אבער דיא שטימע זיינע איז דורך און דורך אנגעטרונקען געוועזען מיט זייגע טהרערן, וויין ניט מיין ווייב, דער זכות פון מיין פאטער, דער זכות פון זיין פאטער מיין טהייערן ברודער, וועט אונז בייטשטעהן, אט הערסטו וואס איך זאג דיר? ר׳ אברהם׳ס א אייניקעל וועט קיין מופקר ניט ווערן! איך וועל ניט שווייגען אין דעם, איך וועל מארגען אויף זייערע קברים זיין און זיי אנזאגען דיא ביטערע בשורה! — זאלען זיי געהן דארט בעטען פאר זיך. זיי אליין איז דארט אויך קיין כבוד ניט, צו ליעב זיי וועלן מיר אויך געאנטפערט ווערן, נור ניט וויין, איך בעט דיך, ניט וויין! דייגע טהרערן מאכען מיך גאר אויס מענטש; אין א טאג פון אזא צרה מוז מען א מענש זיין!

דיא מוהמע האט זיך בערוהיגט און זיי האבען אנגעהויבען עצות זוכען: וואס טהוט מען דער ווייל? זאל מען דאס לייטען ערצאהלען? אפשר ביי קליגערע און געניטערע א עצה פרעגען? אדער מען זאל שווייגען, ווייל אזא שאנד קאן מען גאר פאר די ליפען ניט ברענגען? — די קלוגע דבורה האט זיך פריהער גוט אויסגעוויינט דער נאך האט זיא איהרע טהרערן אבגעווישט און געזאגט:

— נאך מיין ווייבערשען שכל קומט אויס, אז מען זאל דערווייל — ביז דו וועסט קאנען פאהרן צו איהם — דאס קיינעם ניט ערצאהלען: ערשטענס איז פאר אונז אליין צו גרויס דיא שאנד אריבער צוטראגען, צווייטענס, וועט דאס פערבלאנזעט קינד גיכער קאנען צו זיך קומען און תשובה טהון אז קיינער וועט נאך זיין פערפידרטקייט ניט וויסען; אז אלע וועלן שוין וויסען, וועט ער זיך קלארן: זא ווי זא איז שוין דער גוטער נאמען מיינער פערלארן, האב איך שוין ניט וואס אנצוווערן ו״, און וועט קריכען אין דער טומאה אלץ ווייטער און ווייטער. פאלג מיר מיין מאן, דו וועסט זעהן, דאס אזוי וועט בעסער זיין!

— וואס רעדסטו? הער נור וואס דו זאגסט, האט ער אויסגעשריען און צוריק אנגעהויבען פערלאנגען געטראסט צו ווערן פון איהרע רייד. קוים האבען איהרע טהרערן אויפגעהערט, האט ער ווידער זיך געקאנט איינקוקען ווי טיף איז זיין אונגליק און האט ווידער געוויינט. הער נור, האט ער געזאגט, דו זאגסט, מען זאל דאס האלטען בסוד, אבער די וועלט וועט דאך וויסען, געוואהר ווערן. מארגען אין בית המדרש, וועלן אלע קוקען אויף מיר מיט רחמנות; א, ווי לעבט מען איבער דיא בזיונות?

דוא ביזט א קינד, האט זי געטראסט, א קינד ביזטו, זאג איך דיר! דו מיינסט, אז אויפען שטערן ביי דיר איז דאס אויפגעשריבען און אלע וועלן ערקענען וואס ביי דיר אין הערצען טהוט זיך. מאך זיך ניט נאריש, בעסער לייטען דיין הערץ ניט רעד ניט פאר זיי. טרינק קיין בראנפען ניט, וועט דיין שכורע צונג ניט ארויס רעדען וואס אויף דיין ניכטערער לונג טהוט זיך. גאט וועט א עצה צו שיקען, מיר ווארטען

אויף זיינער הילף און אונזער געבראכענע הארץ זעהט ער! אנב, ווייסטו אריבער פאהרן צו איהם זאל לעבען, ווייסטו הארן וואס ער וועט דיר ענטפערן, מיר זאגען דאך בהמות כשרה, וואס ער זאגט ווייס ער, לעבען זאל ער!

אזוי האבען זיי גערעדט, איינע די אנדערע געטרייסט, ביז עס איז שפעט געווארן זיי האבען זיך שלאפען געלעגט. די מוהמע איז באלד איינגעשלאפען געווארן, ר' שלמה'ן אבער האבען זיינע געדאנקען נים שלאפען געלאזען. ער האט געקלערט: וואס וועט איצט זיין מיט רחל'ען? דאס איז איהם געוויס. אז זיא וועט קיין אנדער חתן ניט וועלן האטש א שטוב מיט געלד מען זאל איהר אנשיטען. דער נאך האט ער זיך געטרייסט: רחל'ע אבער איז א פרום קינד, זי ווייס געוויך, אז זיא האט שוין קיין טאטען ניט און וואס מען וועט איהר זאגען וועט רעכט זיין. ער האט דיא גמרא דערמאנט, וואס זיא זאגט בפרוש: ווייבער האבען אויף זיך זעהר א גרינגע דעה, זיי לאזען זיך איבעררעדען, רחל'ע איז אויך ניט מעהר ווי א אשה מיט א גרינגען שכל און וועט זיך שטארק ניט שפארען אז מען וועט איהר געבען א אנדער חתן, — אבער אין מיטען האט ער דערמאנט, זיין פאטער'ס רצון, זיין צוואה פאר זיין טויט: אב דאס וועט מעגליך זיין, האט ער דאמאלס געזאגט, זאל מיין איינקעל משה'לע ניט פערפרעמד ווערן, ליעזער זאל דאס קינד פאר זיין רחל'ען האדיוועען", דיזע ערינערונג אבער האט געשטארקט זיין האפנונג, אז משה'לע וועט צוריק קומען: דער טאטע וועט ניט דערלאזען ער זאל פון אונז אבגעריסען ווערן! ניין, ער מוז קומען און ער וועט קומען! האט ער כמעט אויפ'ן קול אויסגעשריען צו זיך אליין רעדענדיג.

— דבורה, דוא שלאפסט? האט ער אנגעהויבען זיין פרוי וועקען, איהר שוין איבער געבען זיינע געדאנקען; ביז טאג איז איהם צו שווער געוועזען דיזע האפנונג אין זיך צו דערטראגען.

— דבורה, דבורה, הער נור וואס מען רעדט צו דיר, דוא שלאפסט? זאג, איך בעט דיך, דוא שלאפסט צו ניט?

זי האט זיך אויפגעכאפט — וואס איז? וואס ווילסטו? האט זי געפרעגט.

— דוא ביזט א קלוגע אשה! הערסטו, דבורה? האט ער געענטפערט, וואס מעהר איך לעב, זעה איך אלץ מעהר, ווי איך וואלט גאר אהן דיר ניט קאנען לעבען אויף דער וועלט! דיין עצה, זאג איך דיר, איז פונקט ווי דוא וואלסט פון דער גמרא ארויס גענומען. דיא גמרא זאגט אויך: "דער וואס וויל חוזר בתשובה זיין זאל מען איהם העלפען". מיר מוזען זעהן איהם זאל קיין בזיון זיין צו קומען צוריק. ווייטער זאגט דיא גמרא: "אז איינער זעהט, ער קאן זיין יצר הרע ניט גובר זיין און מוז אריינפאלען אין א עבירה, זאל ער אנטהון שווארצע קליידער און אוועג געהן אין א ארט וואו קיינער קען איהם ניט און זאל דארט טהון וואס זיין הערץ געלוסט" פערשטעהסטו, פאר וואס ...סט עס אזוי די גמרא? דאס איז נור צו ליעב דעם: אין דער היים זאל איהם קיינער ניט קאנען דערמאנען אן די עבירות וואס ער האט געטהון. מיט משה'לען איז אויך ניט אנדערש. ווער קען איהם? ווער ווייס איהם דארט אין דייטשלאנד? אט טהוט ער וואס זיין הארץ געלוסט, דאס הארץ געלוסט שטודירענעש איז רעכט שטודירענעש; נישקשה, ער וועט צוריק קומען. אט וועסטו

מיך מאגען אָנרופען נאר אָדער נביא. משה'לע וועט צוריק קומען! — דבורה איז שוין געוועזן צוריק אין שלאף פערזונקען, אונ ר' שלמה האט גאר ניט בעמערקט, אז ער רעדט דאס נור פאר זיך זעלבסט.

— דו שלאפסט? אנטפער! האט ער נאך א מאל אפראג געטהון. אז ער האט אבער דערזעהן אז זי שלאפט אונ הערט ניט מעהר זיינע רייד, האט ער אויפגעהערט צו רעדען אונ איז אליין אויך אנטשלאפען געוואָרן.

## ה.

אין א וואך ארום נאך דער געשיכטע, איז רחל'ע געזעסען שפעט ביי נאכט אין איהר צימערל, וואו עס האט געברענט א שאנע לאמפע מיט א פאריזער געבלימטען שירעם. זי האט א בריוועל געשריבען אונ טהרערן זענען איבער די געשריבענע אותיות געפאלען. אז זי האט געענדיגט, האט זי זיך אין איהר בעטעל געלעגט אונ האט ליגענדיג דאס געשריבענע געלעזען:

„מיין טהייערסטער שוועסטערקינד, משה'לע!

„אז איך פלעג צו מיין ליעבען פאטער בריוולעך שרייבען, בעת ער האט נאך געלעבט, בעת איך פלעג נאך האפען: אט באלד וועט ער קומען, איך וועל איהם זעהן, איהם מונדליך ערצעהלען אלץ, זעלבסט פון וואס איך האב אונ אנגענעהמליכקייט געהאט, פלעג איך דאן זוכען נור גוטע נאכריכט פון מיר, פון זיינע קינדער, פון דער ליעבער מוטער אונ בעקענטע איהם צו שרייבען; איך האב געוואוסט, אז מיט איין וואָרט וואס ער וועט מיר זאגען, ווען ער וועט קומען, וועל איך געטרעסט ווערן, אלע אנגעקליבענע זארג אונ אונאנגענעהמליכקייטען וועלן ווי די פינסטערניש פון נאכט אוועק ווען די זונן שיינט ארויס אונ עס ווערדט ווידער טאג.. אך, דיזע טרעסטענדע זונן אין מיין הימעל איז שוין אבער אויף עביג אונטערגעגאנגען!... אויף איינע אנדערע זאגע וואס זאל מיר א מאל אויפשיינען האפע איך!.. אבער דיזע האפנונג איז אזוי נייט גאך... די נאכט נאך אזוי לאנג אונ ביז עס וועט ליכטיג אונ טאג ווערן קלויבען זיך דערווייל זארג אונ אנגסט אין מיינעם הערצען, אונ דוא מוזט דיין רחל'ען ענטשולדיגען וואס זי שרייבט צו דיר ניט אזעלכע פראהליכע בריוולעך ווי זי פלעגט צו איהר פאטער א מאל שרייבען!.... ווען ניט פאר דיר, ליעבער משה'לע, וועט מיין הערץ צו פאל ווערן אונ איך וויים ניט ווי לאנג עס וועט אין מיר נאך געזונד זיין אונ פון דעם וואס פרעסט עס ניט צוריסען ווערן!... — מיינע קליינע ברידערלעך, זענען נאך יונג, פאר זיי מוז איך — ניט נור מיין הערץ, אבער אויך מיינע טהרערן — בעהאלטען, מיינע ליבע מוטער איז שוין דעם אנדערן חדש נייט פון מיר; זי וויינט נעווים דארט וואו מיין טרייער פאטער.—איהר ליעבער מאן — רוהט אין זיין קבר... אונ מיין איינציגער טרייער פעטער ברויך יעטצט מעהר מיין טרעסט אלס איך זיינעם....

ער וויים שוין משה'לע, דאס דוא ביזט שטודירן געפאהרן!.. אין די לעצטע עטליכע טאג איז ער, איבער דעם ענמת נפש, נאך א מאל אזוי אלט אונ גרוי געווארן. געכטען איז ער דא ביי מיר ביז שפעט ביי נאכט געוועזן, איך האב איהם געזאגט:

– פֶּעטֶער, וָואס גֶעהט אִיהר נִיט אַהֵיים? עֶס אִיז שׁוֹין נָאךְ צְוֶועלְף. אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען שׁוֹין אַזוֹי אוֹיךְ רוֹיטְה אוּנ אָנְגֶעגְרִיפֶּען, אַז אִיהר וֶועט נִיט דֶערְשְׁלָאפֶען קָאן נָאךְ חָלִילָה עֶרְגֶער וֶוערן.

„ווייסְטוּ מַיין קִינְד, הָאט עֶר גֶעאֶנְטְווֶערְט, ווייסְטוּ פוּן וָואס זֶענֶען מַיינֶע אוֹיגֶען רוֹיטְה אוּנ אָנְגֶעגְרִיפֶּען? פוּן טְהְרֶערן זֶענֶען זֵיי רוֹיטְה, פוּן ווֵיינֶען זֶענֶען זֵיי אָנְגֶעגְרוּפֶּען.. יוּנְגֶע קִינְדֶער. אַז זֵיי ווֵיינֶען זִיךְ אוֹיס, ווֶערן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען קְלֶארֶער אוּנ לִיכְטִיגֶער. אַלְטֶע לַייט הָאבֶּען זֵייעֶרֶע טְהְרֶערן שׁוֹין לַאנְג אוֹיסְגֶעוֵויינְט, אוֹיסְגֶענָאסֶען.– ווֵיינֶען זֵיי נָאךְ, ווֵיינֶען זֵיי מִיט זֵייעֶר בְּלוּט, דֶערְפַאר וֶוערן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען רוֹיטְה אוּנ אָנְגֶעגְרִיפֶּען! ....

„אָבֶּער וָואס דַארְפְט אִיהר ווֵיינֶען, פֶּעטֶער? הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט; אֶפְשָׁר ווָאר עֶס נַארְעֶשׁ פוּן מִיר, ווַייל אִיךְ הָאבּ גוּט גֶעוואוּסְט דִי אוּרְזַאכֶע אִיבֶּער וָואס עֶר ווֵיינְט, נוּר דִיזֶע פְרַאגֶע הָאט זִיךְ בַּיי מִיר אַרוֹיס גֶעריסֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוואוּסְט ווִי זִיא צוּרִיק צוּ גֶערְמֶען.

„וָואס דַארְף אִיךְ ווֵיינֶען? הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶערֶעדְט, אִיךְ הָאבּ נָאךְ דַיין פָּאטֶער מַיין לִיבֶּען בְּרוּדֶער גֶעוֵויינְט, אָבֶּער דִיזֶע טְהְרֶערן הָאבֶּען אַ מָאס גֶעהַאט, שְׁטַארְבֶּען מוּז מֶען אוּנ מִיט טְהְרֶערן אַ גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם לֶעבֶּעדִיג מַאכֶען קָאן מֶען נִיט; דִיא טְהְרֶערן הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעשֶׁעפְּט אוּנ אִיךְ הָאבּ צוּ ווֵיינֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט. חָאטְשׁ אִין הַארְצֶען אִיז נָאךְ דִי וואוּנְד פְרִישׁ אוּנ נִיט פֶערְהֵיילְט; אִיצְט ווֵיין אִיךְ אָבֶּער אוֹיף אַ לֶעבֶּעדִיגֶען, וָואס לֶעבְּט אוּנ וֶועט נָאךְ לֶעבֶּען, נוּר ווִי לַאנְג עֶר וֶועט לֶעבֶּען וֶועט עֶר אַלְץ דִיא קְוֶועלֶע זַיין פוּן מַיינֶע טְהְרֶערן! אָ, אִיךְ מֵיין מֹשֶׁהלֶען דָאס טְהַייעֶר קִינְד, וָואס אִיז אָבְּגֶעקֶעהְרְט גֶעוָוארן פוּן רֶעכְטֶען וֶועג, אוּנ וָואס הָאט פוּן דֶעם יֵצֶר הָרַע זִיךְ גֶעלָאזְט אִיבֶּערְרֶעדֶען צוּ פָאהרן שְׁטוּדִירן, אוֹיסְבַּייטֶען דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה וָואס עֶר הָאט אַזוֹי פִיעל גֶעלֶערְנְט אוֹיף ווילְדֶע חֲקִירוֹת, אוֹיף נַארִישֶׁע חָכְמוֹת וָואס וֶועלן אִיהם. סוֹף כָּל סוֹף, אִין גֵיהֶנָם, אִין כַּף הַקֶלַע פֶערְשְׁלֶעפֶּען, עֶר וֶועט חֲרָטָה הָאבֶּען עֶס וֶועט שׁוֹין אָבֶּער קֵיין צַייט נִיט זַיין!... עֶר הָאט בַּיי דִי רֵייד אָנְגֶעהוֹיבֶּען ווֵיינֶען. אִין מִיר אִיז דָאס הַארְץ פֶערְקְלֶעמְט גֶעוָוארן אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁווִיגֶען...

„וָואס ווייסְטוּ, מַיין טָאכְטֶער, הָאט עֶר, דוּרְךְ טְהְרֶערן קוּקֶענְדִיג אוֹיף מִיר, ווַייטֶער גֶעזָאגְט, וָואס ווייסְטוּ ווִי לִיעבּ אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעהַאט, ווִי גְרוֹיס אִיז דִי שִׂמְחָה מַיינֶע גֶעוֶועזן אִיהם צוּ זֶעהן אַזוֹי שֵׁאן אוֹיסְגֶעוואַקְסֶען ווִי אַ יוּנְג בּוֹימֶעלֶע, וָואס טְרָאגְט שֶׁאנֶע פְרוּכְט אוֹיף זִיךְ! ווִי גְלִיקְלִיךְ הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעפִיהלְט, אַז אִיךְ הָאבּ זַיין דְרָשָׁה גֶעהֶערְט אוּנ אַז דֶער רָב אוּנְזֶערֶער הָאט מִיר גֶעזָאגְט: אַייעֶר פְלֶעמֶענִיק וַואקְסְט אַ גָדוֹל בְּיִשְׂרָאֵל, אַ חַרִיף אַ גְרוֹיסֶער אִיז עֶר שׁוֹין, אִיצְט? אִיז פוּן גָדוֹל גֶעוָוארן נָאר אַ שְׁטוּדֶענְט, אַ פּוֹשֵׁעַ יִשְׂרָאֵל, וָואס טְהוּט דָארְט אִין טַייטְשֶׁעןלַאנְד אַלְץ וָואס זַיין זִינְדִיג הַארְץ גֶעלוּסְט. נִיט אִיךְ אַלֵיין נוּר, אָבֶּער אַלֶע יוּדֶען בְּרוֹיכֶען ווֵיינֶען אוּנ קְלָאגֶען! אַלֶע הָאבֶּען מִיר אִין אִיהם אַ גְרוֹיס לִיכְט פֶערְלָארן אוּנ ווִי זָאל אִיךְ נִיט ווֵיינֶען אַז דָאס לִיכְט אִיז בִּיז אִיצְט מַיינְס גֶעוֶועזן?...

„שְׁלָאפֶען הֵייסְטוּ מִיךְ גֶעהן? קָאן אִיךְ דֶען שְׁלָאפֶען? גַאנְצֶע נֶאכְט, מַיין טָאכְטֶער גִיסֶען זִיךְ מַיינֶע טְהְרֶערן אוֹיף מַיינֶע קִישֶׁענְס, אִיךְ שְׁלָאף נִיט, אִיךְ רוּה נִיט, מַיין

קאָפּ האָט ער מיר אַראָפּגענומען!..." איך האָב מעהר זײַנע טהרערן ניט געקאָנט צוזעהן, איך האָב איהם צו טראַכטען אָנגעהויבען און האָב איהם מודה געווען, דאָס דוא האָסט צו מיר געשריבען און האָב איהם ערצעהלט וואָס דוא שרייבסט, דײַנע צופרידענהייט דערמיט וואָס דײַנע גוטע לעהרער זענען פרומע יודען, וואָס גאָט איז זיי ליעב און זײַן תורה און זײַן פאָלק זענען זיי טהייער. איך האָב איהם געפרעגט: וויא קאָן אַ מענש וואָס שרייבט אַזעלכע פרומע און קלוגע רייד, אַ יוד וואָס ווייזט אַרויס אַזאַ ליעבע און לײַדען פאַר אונזערע צושפּרייטע ברידער, אַ יוד וואָס טראָגט אים הערצען אַזעלכע גוטע און פרומע האָפנונגען, ווי קאָן אַזאַ יוד גאָר זײַן אָבגעקעהרט פון גאָטעס וועג? ווי קאָן מען אַזאַ יודען פערגלייכען צו אַנדערע שטודירטע, וועלכע זענען טאַקי גרויסע אַפּיקורסים?

„פערענטפער איהם ניט! האָט ער אין כעס אויף מיר אַ געשריי געטהון, ווער עס זוכט צו פערענטפערן אַ אַפּיקורוס איז אַליין פון אַפּיקורסית ניט ווייט! דער יצר הרע איז קיין נאַר ניט, ער האָט אַ געשליפען צינגעל זיך צו פערענטפערן. אַז דוא וועסט רעדען מיט אַ אַפּיקורוס, וועט ער אַלע מאָל גערעכט בלײַבען; דאַריבער איז וועה צו דעם מענשען וואָס לאָזט זיך מיט זיי אין חקירות אַרײַן! גלײַכער איז צו ענטלויפען פון זיי, מען זאָל זיך מיט זיי ניט בעגעגענען!... אַזוי ווי דער שייגאָץ האָט געוויס אַ מאָל אויך אונזער דאָקטאָר און אונזער אַפּטייקער געזאָגט, און אַז זיי האָבען אויסגעשטודירט? זעהסטו דאָך דעם סוף פון זיי; נאַהרע גוים, איך ווייס ניט: פאַר וואָס רופט מען זיי נאָך מיט'ן נאָמען יוד? אַזוי זאָגען אין אָנהייב אַלע גוטע קינדער אונזערע וואָס ווערן אין די שטודירענעש פערפיהרט, און דער סוף, בעונותינו הרבים, האָבען מיר אין היינטיגע צייטען פיעל אַזעלכע יודען, וואָס שעמען זיך מיט דעם נאָמען „יוד", פיעל פון זיי ווערן גלאַט הולטאַיעס און פיעל — ווערן אונז שונאים און שרייבען אויף אונז מסירות, אָדער שפּאָטען און לאַכען פון אונזער ריינער אמונה, פון אונזער רבין זאָל לעבען, פון אונזערע תורה און מצוות, און וואָס ווייסטו וויפיעל שלעכטס טהוען זיי דערמיט אונזער אָרעם פאָלק .... וויפיעל זענען זיי מעכב דיא גאולה אין דעם לאַנגען פינסטערן גלות?! גלויב איהם ניט, וואָס ער זאָגט דיר, וואָס ער שרייבט און שוואַרצט דיר! צעריים זײַנע בריוועלעך! זיי זענען סם המות, אַזוי איז שאָן די טבע פון דער כפירה: מיט צושלעפען מיט זיך אין גיהנום אַרײַן נאָך אונשולדיגע פרומע נפשות; פערגעס זײַנע רייד, קעהרצו דײַן האַרץ צו אונזער בורא יחיד, דאַווען און בעט גאָט פאַר זײַן נשמה, ער זאָל חסד טהון און איהם צוריק אַרויספיהרן אויף דעם אמת'ן וועג פון וועלכען ער איז נעבעך פערפיהרט געוואָרן!"

מעהר האָט ער ניט גערעדט, ער האָט זיך נור געזעגענט פון דאָס נײַ און איז אַהיים געגאַנגען.

אָ, ליעבער משה'לע, וויפיעל געזונד און טהרערן נעהמען אַזעלכע ווערטער צו בײַ מיר! ווי מישען זיך מײַנע געדאַנקען אין מײַן שוואַכען קאָפּ, וויפיעל נאַכט דערשלאָף איך ניט און זוך די וואַהרהייט און גערעכטיגקייט צו געפינען: ווער פון אײַך בײַדע איז גערעכט, און ווער איז פערפיהרט? ניט אַלע מאָל, ליעבער פריינד, זענען דײַנע פעטער'ס רייד נאַרישע, עקשנית'ע רייד! זעהן דעי מײַנע אויגען ניט ווירקליך.

דאס נור די געשטודירטע און געבילדעטע טהוען אוים פון זיך זייער יודישקייט ? מאנכע פערגעסען און מאנכע פערלייקענען אונזער גאט אין הימעל ! ..וויפיעל איך גלויב דיר אויך, אז דוא מיינסט ניט — מיך איינפאלטיגע, ניט געבילדעטע, צו נארען, אבער טאמער ביזט נאר פערנארט ? פערבלאנזשעט, ליעבער משה'לע ? דוא מיינסט אפשר דוא געהסט אויף דעם גראדען וועג, און דו זעהסט ניט און דו ווייסט ניט צו זיעלכען אבגרונד דער וועג פיהרט ? ווי ערשראקען אבער וועסטו אליין ווערן, אז דו וועסט צו דעם אבגרונד קומען צו וועלכען ער פיהרט און איינזעהן ווי ווענינג צייט און כח דיר איז געבליבען צוריק צו לויפען, אהין יענעם וועג און היים צו געפינען פון וואנען דוא ביסט פערפיהרט געוואָרן ! ...

און ווען איך טראכט אזוי און ווען איך בעט און רופע צו גאט, ער זאל מיינע אויגען אפענען, איך זאל דעם אמת דערזעהן — דאן ווײנט זיך מיר אזוי לייכט, ביז מיר ווערט צום מוטה גרינגער און איך העב צוריק אן צו האפען און צו גלויבען. אז דוא נארשט מיך ניט, דו ווילסט ניט, משה'לע מיין ריינע אמונה אין גאט פון מיר צו נעהמען — ווי אונזער פעטער זאגט עס מיר—א, ווי ארעם, ווי עלענד וואלט איך חלילה אהן מיין גלויבען בלייבען ! אפט מיין איך, נאך מיין אויסוויינען זיך, דאס איך הערע א שטימע וואס שרייט צו מיר : זיי רוהיג ! משה'לע האט דיך אמת ליעב, ער וויל דיך נור גליקליך מאכען, ער וויל פיעל מעהר צו דער אמונה דיר צו געבען, זי שטארקער מאכען, אלס זי פון דיר רויבען אדער זי שוואך מאכען ; דו און ער, ביידע זייט איהר פרומע יודישע קינדער, ווי גאט פערלאנגט, ווי עס האבען זיך אייערע אלטערן מיט אייך געוואונשען !" אויך איצט, ווערענד איך שרייב דיזע צייליען, הערע איך דיזע שטימע, זי דיקטירט מיר די ווארטע און איך ווייס ניט : צו שרייב איך וואס איך הערע, אדער צו הערע איך נור וואס איך שרייב ? זאל עס אמת זיין וואס דער פעטער זאגט, דאס דיינע רייד האבען שוין מיך אויך פערגיפטעט, און מיין נשמה אין מיר איז שוין בעפלעקט פון דער טומאה, דערפאר גלויב איך אז דו נארשט מיך ניט ? ...

היינט אין דער פריה, אז איך האב מיין סידור אין האנד גענומען זענען מיר די ווארטע מעהר אין הערצען אריין אלס אמאנדערש מאל : מיין גאט, דיא נשמה וואס דו האסט געגעבען מיר, איז א ריינע נשמה, איך האלט זי ריין, איך לאז זי ניט בעפלעקען ; דוא גאט, האסט זי אין מיר בעשאפען, דוא בילדעסט זי אין מיר, דוא היטעסט זי אין מיר זי זאל ניט בעפלעקט ווערן, און דוא וועסט זי פון מיר צונעהמען און אויך זי מיר צוריק געבען אין קינפטיגען לעבען אויף יענער וועלט. ווי לאנג דיזע נשמה איז אין מיר ערקענע איך דיך, מיין גאט, איך דאנק דיר, גאט פון מיינע אלטערן, הערשער איבער אלע בעשאפעניסען, הערר פון אלער זעלען !"

ווי האבען מיך דיזע ווארטע געטרעסט און געשטארקט ! אבער באלד איז דער פעטער ווידער געקומען און האט א נייען שטיין אין מיין שטיל טייכעלע אריינגעווארפען. דאס קלאר וואסערל ווידער מוטנא געמאכט, און איך בין צוריק אין דעם פיינליכען צווייפעל ווי געוועזן ! אזוי ליעבער פריינד, צערייסט זיך מיינע זעלע אין מיר צווישען צווייפעל און האפנונג, צווישען בראכט און טרויער ; אזוי ווארט איך און בענק נאך דיר, דוא זאלסט מיר אויך א צווייטער פאטער ווערן און מיינע אלע

אַנגעקליבענע אונאַנגענעהמליכקייטען מיט דיינע קלוגע און טרייע רייד צערשטרייט, ווי עס פלעגט טהון מיין טרייער פאטער בעת ער האט נאך געלעבט! ...

אך, ווי וויל איך דיך אין גיכען זעהן! ווי ווילט זיך מיר אויף דיין האלז פאלען זיך גוט גוט אויסוויינען פאר דיר! דיזע שווערע שטיינער וואס פרעסען מיין ברוסט איצט אזוי שווער, וואלטען ווי פעדערן אראפ פליהען פון דיין איין טרייען הויך! ... האב איך נאך לאנג צו ווארטען, ליעבער פריינד, אויף אזא גליק? ...

אונזער וואנד זייגער שלאגט שוין דריי. הערסטו ניט זיין טרויעריגען קלאנג און זיין קראנקען תריפען, וואס בעגלייטעט יעדען קלונג? ... ער זאגט מיר: איך זאל מיין בריף ענדיגען און שלאפען געהן; ער דערמאנט מיר, אז איך קאן שוין איצט ניט שלאפען לאנגער ווי אלע. מיינע יתומימלעך מוזען מיך שוין א וואכענדע· וואס זארגט פאר זיי געפינען, אז זיי אפענען זייערע אויגעלעך יעדען פריה מארגען.— א, גוטער זייגער! אלטער פריינד פון דעם הויז אין וועלכען דוא געהסט שוין אזוי לאנג, דו האסט נאך אונזער גוטען זיידען די שעות אנגעזאגט און זיי געצאהלט, דו האסט אויך מאנכען פרייטאג צוזאמען מיט דעם איינענעם קלאנג צוגעשטימט צו יענער הייליגער ברכה, וואס ער האט זיינע ליעבע אייניקלעך אויף זייערע יונגע קעפעלעך געבענשט! דו האסט דעם גוטען אלטען בעל הבית דיינעם איבערגעלעבט, דו האסט אויך דיין נייען ווירטה, מיין טרייען פאטער איבערגעלעבט. אזוי וועסטו געוויס אויך מיך איבערלעבען! ... דו ביזט ניט אזוי זינדיג ווי מיר לעבעדיגע וואס האבען פון עץ הדעת פערזוכט און דערמיט אונזערע טאג און יאהרן אונז אבגעקורצט ... זאג· טהייערער פריינד, וויפיעל מאל וועסטו דיינע ווייזער אויף דיזעם ציפערבלאט נאך ארום דרעהען, ביז איך וועל דעם ווידער זעהן וואס מיין הערץ באנקט נאך איהם אזוי פיעל? וויפיעל וועסטו נאך טאג און יאהרן צאהלען ביז יענע ברכה דעם זיידענס וועט אמאל אויף אונז מקוים ווערן? ...

אך! ער שווייגט, ער געהט זיך זיין וועגס ווייטער און בעקימערט זיך וועניג אב יעמאנדען איז זיין גאנג צו גיך אדער צו לאנגזאם! אזוי, משה'לע, דרעהט זיך אויך די וועלט שטיל און שטום, די זאגע מאכט איהר ראד ווידער אמאל און ווידער אמאל און בעקימערט זיך גאר ניט פון מענשען און דורות גאנצע וואס קומען אויף און געהען אונטער — ... א אנגעצויגענער זייגער איז די וועלט אונזערע, דיא ראדער זעהען מיר, קאנסטו מיר ניט זאגען וואו איז איהר ציפערבלאט?.. ווער האט עס געזעהן? ... ווער קאן מיר אויף דיזען ציפערבלאט ווייזען וויפיעל צייט איז שוין פון מיין לעבען אבגעלאפען, און וויפיעל האב איך נאך דא צו ליידען און צו באנקען?! איין גאט נור, דער גרויסער מייסטער פון דיזעם וועלט-גרויסען זייגער, פערשטעהט די שעות און מינוטען אויף איהם צו צאהלען, נור ער ווייס וואס מארגען וועט זיין! א, איך בעט דיך גאט, ציהע דיזען זייגער אן, ער זאל ריכטיג און רעגעלמאסיג מיר דיא שטונדע אנזאגען וואו איך האלט אין דער וועלט, און ריכטיג און רעגעלמאסיג זאל קומען דאס, וואס דוא האסט פאר מיר פארבעשטימט!.. אין דיין האנד, גאט, בעהאלטע איך מיינע זעלע, דו ערלאזט זיא, גאט דער וואהרהייט, מיט מיר ביזט דו און איך פירכטע ניט מעהר·

א גוטע נאכט, ליבער פריינד, איך האב מיין קריאת שמע אבגעלייענט. אנטפער גוטע נאכט אונ גוטען טאג, דיין רחל'ען!"

אויף מארגען פריה האט רחל'ע דעם בריף געהאריג צוזאמענגעלעגט, פערזיגעלט, די נויטהיגע פאסטמארקען ארויפגעקלעבט אונ אליין אין פאסט קאסטען אראפ געלאזען. אז זי איז צוריק צום שטוב צוגעקומען האט זי ביי דער טהיר א פוהר דערזעהן, אין א מינוט ארום איז זי שוין געלעגען אויף דער מוטערס האלז. טאכטער אונ מוטער האבען זיך צוקושט אונ מיט טהרערן איינע די אנדערע בעגאסען.

חיילע איז געקומען אונגעריכט. דיא טעלעגראמע וואס האט דאס אונגליק פון מאנס טוידט אנגעזאגט אונ די פיין וואס זי האט דאן געפיהלט בעת מען האט איהר ליעב קינד ניט געקאנט דערמינטערן, האט אויף איהר א איינדרוק געמאכט אז זי האט אהנע שרעק א טעלעגראמע ניט געקאנט זעהן. ווי זי וואלט גאר אין זיך קיינמאל ניט קאנען ענטהאלטען א גוטע בשורה, וועלכע קאן מאנכען גליק אונ פרייד אנזאגען מיט א פאר שעה פריהער, דאריבער האט זי ניט טעלעגראפירט ווען זי איז ארויסגעפאהרן דיא קינדער אומזיסט ניט צו דערשרעקען אונ איז אנגעקומען פלוטצלונג.

מיט א שווערן זיפץ האט זי איהרע קליינע יתומים בעגעגענט, וועלכע בערעלע ספאק האט באלד פון חדר געבראכט; אבער נאך שווערער איז איהר שעפעט געוועזן וואס בערעלע האט ערשט פון וואגען אראפ גענומען אונ מיט די לעצטע כוחות קוים אין שטוב אריינגעטראגען.

רחל'ע האט זיך געפרעהט, וואס די מוטער זעהט אויס, אונבעשריען, גוט אונ געזונד, די מאדישע געגאהטע קליידער וואס זי האט אויף זיך געהאט אין דער מינוט האבען זי יונגער געמאכט מיט צעהן יאהר, דאס האט איהר געטריי קינד א הנאה געטהון, ווייל זי איז אליין אונרוהיג געוועזן איבער דער מוטערס געזונד אין אזא ווייטען וועג, וואס זי איז דערצו קיינמאל נאך ניט געפרובט געווארן; נור אז אין א פאר שעה ארום איז זי צוגעקומען צו דער מוטערס שעפעט אונ האט איהרע זאכען אנגעהויבען פאנאנדער פאקען אונ דא געפונען דעם געשטארבענעם פאטערס גילדערנעם זייגער, זיינע נאטיץ ביכלעך, זיין זיגעל אונ טינט אונ פעדער, האט זי איהרע טהרערן ניט געקאנט איינהאלטען אונ האט זיך גוט אויסגעוויינט. דעם זייגער מיט די איבריגע זאכען דעם פאטערס ביי זיך אין איהר צימער אוועק געלעגט, אנגעקושט זיינע נאטיץ ביכלעך, אין וועלכע זי האט מאנכע מערקווירדיגע בעמערקונגען אונ געדאנקען דעם ליעבען פאטערס דורך געלעזען, זי האט באלד איהרע טהרערן אבגעווישט אונ איז געגאנגען ענדיגען פאנאנדער געהמען דעם פאלען טשעמאדאן. דא איז איהר אבער ווידער שווער געווארן צום געמיטה, ווארום זי האט דא געפונען שטיקער טהייערע האללאנדער ליינוואנד, שטיקער סאמעט, זיידענס אונ אנדערע טהייערע זאכען, וואס זי האט ניט געקאנט בעגרייפען: וואצו האט די מוטער דארויף אזוי פיעל געלד אויסגעגעבען? איהר האט איבערהויפט פערדראסען: ווי קאן איהר גאר אין זינען ליגען קויפען, אין אזא טרויעריגער רייזע, אזעלכע שטאפען אונ מאטעריע, וואס פאסען נור פאר יענע וואס פעהלט זיי מעהר ניט ווי דאס? צו מיינט ניט די מוטער מיך אבצוקויפען דערמיט? צו מיינט זיא ניט אז צו ליעב אזעלכע שאנע

זאכען וועל איך דעם ליעבען פאטער פערגעסען? א, ניין, נימא קיין בייכמהוס אין דער וועלט וואס זאל קאנען מיר בעצאהלען דעם דימאנט וואס איך האב אין איהם פערלארען!"...

– ווי געפאלט דיר מיין טאכטער, דיא שטאפען? האט די מוטער געפראגט צו געהענדיג העלפען רחל'ען אלעס פאנאנדער פאקען.

– וויא עס קאן געפאלען א גוטע זאך, האט רחל'ע אונרוהיג אונ קורץ געאנטפערט.

– דא ביי אונז איז אזעלכע סאמעט פאר קיין געלד ניט צו בעקומען, האט די מוטער בעמערקט געהמענדיג א שטיק סאמעט אין האנד.

פאר געלד, ליעבע מוטער, האט רחל'ע געאנטווערט, קאן מען אלעס בעקומען, אז ניט דא בעקומט מען עס ערגעץ אין א אנדער שטאדט, אבער פאר קיין געלד קאן מען ערגעץ ניט אפקויפען דעם וואס איז געשטארבען!...

– בודאי אזוי מיין קינד, האט די מוטער מיט א שווערן זיפץ צוגעשטימט, וואס געשטארבען איז פערלארן, ניט נור מיט געלד קאן מען א געשטארבענעם ניט לעבעדיג מאכען אבער מיט וויינען אונ קלאגען אויך ניט; איך האב אויך מיינע אויגען אויסגעוויינט, אונ וואס ווייסטו מיין קינד וואס איך האב דארט איבער געליטען? אבער איין טראסט איז מיר געבליבען, וואס אין זיין טוידט קאנען מיר קיינעם ניט שולדיג מאכען. ווי עס האבען מיר דארט די מענשען ערצאהלט, וואס זענען דערביי געוועזען פון אנהייב קראנק ביז זיין כשרה נשמה איז ארויס, האט ער אלץ מיט דעם פאלען פערשטאנד גערעדט וועגען אונז, אונ האט א צוואה געלאזט שרייבען אין רוסישען פארמאלנא, ווי ער וואלט אליין געוואוסט אז ער האט מעהר קיין יאהרן ניט. טעלעגראפירן צו אונז האט ער ניט דערלאזען, „זיי וועלן ביז מיין טוידט ניט אויספעיען צו קומען, זאלען זיי זייער אונגליק מיט א פאר טאג שפעטער דערוויסען, זיי וועלן צייט האבען צו קומען אויף מיין קבר, אז זיי וועלן זיך שוין אויסוויינען אין דערהיים!" דאס זענען אלץ זיינע ווארטער געוועזען, אונ ער האט דערמיט באמת זיינע לעצטע טרייהייט בעוויזען; ווארום איך וואלט גאר אין איילענעס ניט געקאנט דערפאהרן אהין א לעבעדיגע, פוהר אונ באהן, וואגען אונ שליטען, איך האב מיינע ביינער צוברעכען פאהרענדיג, אכט טאג נאך איינאנד! אז איך האב מיך שוין גוט אויסגעוויינט, האב איך געלאזט שטעלן א טהייערע מצבה אויף זיין קבר אונ האב אבגעצאהלט איבער צוויי הונדערט רובעל? גאט האט חסד געטהון אונ איך האב מיט מיין פאהרן גאר ניט שלעכט געמאכט: מיין הוצאה האב איך פערדינט. איך האב נאך ריוח גענומען פאר די קאנטראקטען וואס ער ע"ה האט געמאכט פאר זיין טוידט, איך האב מציל געוועזען אלץ וואס איז געבליבען אין פרעמדע האנד. אומעטום, מיין טאכטער, איז דא א גאט אויף דער וועלט אונ גוטע מענשען וואס האבען יושר אין הארצען; אלע, די גראסטע לייט פון קריסטען אפילו האבען אויף מיר רחמנות געהאט אונ מען האט מיר ארויסגעהאלפען אין אלץ. – צוריק פאהרענדיג בין איך אין מאסקווא געשטאנען עטליכע טאג, איך האב געוואלט אויסרוהען. נא, אז מען איז שוין אין אזא שטאדט, וואס מען קאן באמת בעקומען וואס נור א אויג זעהט, אט

האָב איך מיר געלאָזט איינרעדען און האָב געקויפט אַ ביסעל ליינוואַנד, אַ שטיקעל סאַמעט, זיידענס און אַטלעס און נאָך אַזעלכע זאַכען וואָס וועלען, אם ירצה השם, צו נוטץ קומען. — דער טוידטער, דאַרף שוין גאָר נישט, אָבער דער זינדיגער לעבעדיגער מענש, מוז נאָך אַלץ האָבען, און פריהער שפּעטער וועסטו אַליין מיר אַ דאַנק זאָגען וואָס איך האָב בעצייטענס אַלס בעוואָרנט.

עס זענען געקומען דער פעטער מיט דער מוהמען שלום געבען חיה'לען און האָבען אויך געזאָגט, דאָס זי זעהט אויס, אָהן עין הרע, געזונד און שטאַרק.

— דער וואָס האָט יאָהרן קומט צוריק, האָט זי ערקלערט, נאָר ניט די קאַלט נאָך די קליידער נאָך! אין נוטען מוטה וואָלט איך ניט דערלעבט, דאַכט מיר, אַפילו אַהין צו דערפאָהרן, נור דער זכות פון מיינע יתומים איז מיר בייגעשטאַנען און איך בין שטאַרקער ווי אייזען געוועזן, עס האָט מיר ניט געשאַט ניט קיין ווינדט און ניט קיין קאַלט, דער געדאַנקען: איך פאָהר צו ליעב מיינע יתומים, האָט מיך אין קאַלט געוואַרעמט, איך האָב נור ביי'ם לעבעדיגען געבעטען, ער זאָל מיך צוריק מיט גאַנצע ביינער אַהיים ברענגען זיין אַ מוטער מיינע אָרעמע יתומים!

— איצט, מיין שוואָגערן, האָט ר' שלמה טרייי אַרויסגערעדט, איצט זאָלסטו טאַקי אַ מוטער און אַ פאָטער זיין דיינע קינדער! זיי דאַרפען דיך נאָך!.. ניטאָ נאָך אַזאַ טרייער פריינד ווי אַ אייגענע מאַמע! זיי זיי נור אַ מוטער אַ געטריייע און דוא וועסט נאָך פון זיי פיעל נחת דערלעבען! זיי וויסען, אַז כל זמן אַ מענש האָט קיין קינדער ניט לעבט ער פאַר זיך, אַז מען האָט אָבער קינדער טאָהר מען אויף זיך מיט איין אויג אויך ניט קוקען און בײדע אויגען אָפען האַלטען אויף די קינדערלעך, וועלכע קאָנען נאָך פאַר זיך ניט זאָרגען און אויף זיך ניט אַכטונג געבען; דערפאַר, אַז די קינדער וואַקסען אויס און זענען געראָטהענע זאָגט מען: „געבענשט זאָל זיין די מוטער וואָס האָט אַזעלכע קינדער געבוירען!"

נאָהענטע שכנות, וועלכע זענען געקומען חיה'לען שלום געבען, האָבען אויך דאָס זייעריגע געזאָגט און געהייסען חיה'לען האָפען אין ניכען געטראָסט צו ווערן מיט פיעל גליק און נחת פון איהרע קינדער, ווייל עס בעטען גאָט פאַר איהר אַלע, וואָס דערמאָנען איהר געשטאַרבענעם מאַן צום גוטען.

— הלוואי זאָלט איהר אמת זאָגען, מיינע טהייערע, האָט חיה'לע געאַנטוואָרט, איך דאַנק אייך פאַר אייערע גוטע רייד, איך ווייס, איהר ווינשט מיר גוטס פון גאַנצען הערצען, אָבער מען דאַרף אין זיך ניט גענאַרט זיין, מיינע טהייערע!... מיט וואָס קאָן איך שוין געטראָסט זיין? אַ אַלמנה איז אַ אַלמנה, חאָטש איהר מאָג נוט זיין ווי דיא וועלט! אַז מען געהמט דעם קאָפּ אַראָפּ פון די פּלייצעס, קאָן שוין קיין גליק און קיין נחת ניט אייגעהן, אַלע אונזערע שונאים ווינשע איך צו בלייבען אַלמנות אין רעכטען אָנהייב לעבען אויף דער וועלט!..

זי האָט צוגעטראָגען איהר טאַשענטוך צו איהרע אויגען און האָט געהליפּעט.

— קיין יודישע טאָכטער, חיה'לע, זאָל דערצו ניט געפּרובט ווערן! האָבען דיא זייבער צו געשטימט, אָבער אויף וועמען דער גזר איז שוין אויסגעגאָסען, זאָל אַ הוין אייער שאָדען, ניט בלייבען אין אַ אָרגערע לאַגע, אַלס איהר! האָפט צו גאָט, זיין

משפט פערשטעהן מיר ניט, זיין חסד איז אין אלין, ער קאן איך נאך טראסטען און איהר וועט נאך פיעל גליק און נחת דערלעבען!

ר׳ שלמה'ן זענען די לעצטע רייד זעהר דער ווידער געוועזן, זיין ערהליך געפיהל האט זיך אין איהם אויפגעהאפט און אום צו מאכען א סוף פון דיא רייר האט ער געזאגט:

— ווייסטו וואס מיין שוואגערין, פאלג מיר, לעג זיך אויסריהען א ביסעל, גענוג דיר אומוואגלען, גאט האט דיך א חיים געבראכט צו דיינע קינדערלעך, זאלען געזונד זיין, צו דיין חיים, דאנק איהם און לויב איהם פאר דעם חסד! רוה זיך אויס, דוא וועסט אויפשטעהן א פרישע א געזונדטע, דוא וועסט דיינע קינדערלעך זעהן און דו וועסט זיי א מוטער זיין, דוא וועסט דיינע פיער ווינקעלעך זעהן זיי זענען ליבטיגע און דו וועסט דערמאנען, אז עס זענען דא אלמנות געבליך אוף דער וועלט — פינסטערע און ביטערע, וואס האבען נ״ט וואו מיט זייערע אָרעמע יתומים זיך צו צוטולען אפילו. — געה, רוה אויס, מיט די ווייבער וועסטו אין איין טאג און אין איין נאכט זיך ניט אויסרעדען; ניין מאם רייד שיט זיך אזוי גיך ניט אויס! איך האב רחמנות אויף דיר, איך זעה דוא דארפסט אויסרוהען און איך געה אהיים האטש איך האב נאך צו רעדען און צו רעדען מיט דיר. א גוטע נאכט, מיין שוואגערין! קום אהיים דבורה!...

געהענדיג אהיים מיט זיין דבורה'ן האט ר׳ שלמה געזאגט מיט א זיפץ:

— איצט ווייס איך, אז מיין ברודער לייזער איז געשטארבען. הערסטו דבורה? לייזער איז געשטארבען! געשטארבען איז ער, ער אליין איז געשטארבען און דער וואס לעבט איז ניט געשטארבען, פערשטעהסטו וואס איך רעד?

— איך פערשטעה, אוודאי פערשטעה איך וואס דו רעדסט, האט זי געאנטפערט, נור וואס פאר א נייעס דערצאהלסטו מיר?

— דו ביזט א נארישע אשה, זיי מיר מוחל! א אשה פערשטעהט ניט אפילו וואס זי פערשטעהט ניט, האט ער ערקלארט, איך אבער בין ניט קיין אשה און איך פערשטעה אז איך פערשטעה, און ווייל איך פערשטעה, פערשטעה איך, אז א אשה איז ניט מעהר ווי א אשה, א זינדיגע אשה, א עם לא היה, חוה'ס א טאכטער און האט א קירצערן זכרון פאר א קאטץ אפילו. פע, מאוס, איך וויל שוין אזוי ווייט ניט רעדען!

— דוא רעדסט פון כעס, האט זיך דבורה אנגערופען, א אשה צו א אשה איז ניט גלייך, איך בין אויך א אשה און אז זי וואלט היינט ניט א נאסט געוועזן וואלט איך איהר בעצאהלט פאר איהר זינדיגען; עס פאסט גאר ניט פאר חיע׳לען, דער קאפ איז מיר אויסגעטריקענט. איך פערשטעה גוט וואס דוא פערשטעהסט? ווי קומט עס צו איהר? סיידען עס איז אמת וואס לייטישע צינגער האבען גערעדט. —

— אפילו, ווען עס זאל אמת זיין, האט דער פעטער צו געלעגט, האט זי אויך בעדארפט קלוגער זיין און נאך צייט האבען א ביסעל, אלא זי איז א אשה, היינט געט רעד מיט א אשה, אז זי איז פארט א אשה! זי מאג זיין א חכמה, א לאנגער פיהרערן קוים מאכט זי א ברכה: שעשני כרצונו. איז זי ניט מעהר ווי א זינדיגע אשה — ניט

אומזיסט האט מען זיי נור דריי מצות געגעבען, אויף מעהר האבען זיי קיין כח, קיין שכל אונ קיין דעת ניט!...

## ו.

אויף מארגען איז ר' שלמה פון דאוונען גלייך צו חיעלען געגאנגען, ער איז צו גלייך צום בופעט ארויסגענומען א פלאשעל שפירט; זיך אנגעגאסען א גוטען רביעית, א ברכה געמאכט, אויסגעטרונקען אונ פערביסען מיט א שטיק פריטען קאז וועלכע פייגע האט ערשט פון קיך ארייגעטראגען.

איצט מאג איך שוין פאסטען ביז מיטאג! האט ער צו חיעלען געזאגט, ווילסטו, קאנען מיר איצט רעדען אלץ וואס מיר האבען צורעדען? האסטו דיא צואה ליזערס דא ביי זיך? גיב א הער וויל איך זי דורכלייענען.

חיעלע האט אנגעזאגט: טאמער קומט דא ווער זי פרעגען, זאל מען זאגען אז זיא שלאפט נאך, זיא איז מיט ר' שלמה'ן אריין אין קאבינעט אונ צו געשלאסען די טהיר. איך וויל ניט, האט זי ערקלערט, אז אפילו רחלע זאל די צואה הערן, ביז איהר וועט אליין זאגען, צו דארף זי שוין וויסען וואס איהר געשטארבענער פאטער שרייבט וועגען איהר צו ניט!

— דעם אמת זאגענדיג, האט ר' שלמה געאנטפערט, האט — על פי דין אונ על פי יושר — רחלע געמאגט וויסען פון דער צואה נאך פריהער פאר מיר, ווייל איהר טאטע האט זי געשריבען פון איהרעטוועגען גיכער ווי פון מיינעטוועגען. נור אזוי ווי זיא איז א קינד אונ וועט דאך געווים ווייגען בעת זי וועט איהר טאטענס לעצטע רייד הערן, אנב ווייל פון יענער צייט, זייט ער איז א געזונדטער פון דאנען אוועק געפאהרן זענען א סך ענינים אין גאנצען נשתנה געווארן, וואס ער האט בשום אופן וועגען דעם ניט געקאנט וויסען בעת ער האט די צואה געשריבען, איז טאקי אפשר גלייכער, איך זאל פריהער וויסען וואס ער מיינט אין דער צואה, אונ דערנאך וועלן מיר ישוב הדעת האבען איהר צו ווייזען זי, אדער ניט.

חיעלע האט ר' שלמה'ן א זיידענע טוך דערלאנגט פון וועלכער ער האט די צואה ארויסגענומען. ער האט זיינע ברילען פון שיידעל ארויסגעצויגען, זיי גוט אויסגעווישט מיט א ברעג טישטוך, ארויף געזעטצט זיי אויפ'ן נאז אונ האט אנגעהויבען לעזען; נור קוים האט ער דעם פערשטארבענעם ברודערס האנדשריפט ערקענט, זיך דערמאנט וואס פאר א ספרא רבה ער איז געוועזען אונ ער ליגט שוין איצט אין דער ערד, זענען איהם טהרערן אנגעלאפען אונ האבען פערגאסען זיינע ברילען, ער האט א ווארט ניט געזעהן אונ ניט געקאנט לעזען. חיעלע האט אויך די זיידענע טוך צוגעטראגען צו איהרע אויגען אונ אזוי זענען זיי שטיל געזעסען א פערטעל שעה. ר' שלמה'ס טהרערן האבען זיך געגאסען שטיל אונ לייכט, חיעלע האט איהם ניט געשטערט. זי האט די זיידענע טוך פריהער ניט אראפ גענומען פון איהרע אויגען ביז ער האט אויסגערעדט: „נו, לאז זיין גענוג, מען דארף א מענש זיין!" ביי די רייד האט ער די ברילען אראפ גענומען, נאך אמאל זיי אויסגעווישט, מיט דער האנד די אויגען

אוֹיסְגֶעריבֶּען , אָנְגֶעטְהוּן דִיא בְּרִילֶען צוּרִיק אוּנ" הָאט צוּ לֵייגֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען :

אַז חִזְקִיָהוּ דֶער מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה אִיז גֶעפֶּאהרְלִיךְ קְרַאנְק גֶעוָוארן, דֶערְצֶאהלְט דֶער פָּסוּק, אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָה אוּנ הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען אָנְזָאגֶען זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד זַיין לֶעצְטֶען רָצוֹן, דָאס הֵייסְט: עֶר הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען שְׁרַייבֶּען אַ צַוָאָה פַאר דִי נָאהֶענְטֶע זַיינֶע וָועלְכֶע בְּלַייבֶּען נָאךְ אִיהם.

אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים ווידֶער עֶרְצֶאהלֶען אוּנְז , אַז דִי וָואס פְלֶעגֶען פַארְצַייטֶען אַרוֹיס גֶעהְן אִין אַ מִלְחָמָה מִיט פַארְצַייטִיגֶע יוּדִישֶׁע פַיינְד , פְלֶעגֶען מוּזֶען לָאזֶען זֵייעֶרֶע ווייבֶּער אַ תְּנַאי גֶט: טָאמִיר קוּמֶען זֵיי פוּן דֶער מִלְחָמָה נִיט צוּרִיק, צוּ זֵיי וֶוערן דָארְט גֶעפַאנְגֶען פוּן דֶעם שׂוֹנֵא, אָדֶער זֵיי וֶוערן צוּטְרֶעטֶען אוֹיפְן פֶעלְד, זָאלֶען זֵייעֶרֶע ווייבֶּער אִין דֶערְהֵיים נִיט בְּלַייבֶּען אֵייבִּיגֶע עֲגוּנוֹת, וָואס דָאס אִיז פַאר יֶעדֶער אִשָּׁה גְלַייךְ ווִי אַ לֶעבֶּעדִיגֶע מְקוּבָּר צוּ וֶוערן.

דִיזֶע בֵּיידֶע גֶעשִׁיכְטֶען בֶּעווייזֶען אוּנְז יוּדֶען, אַז בְּעֵת מִיר לֶעבֶּען נָאךְ זָאלֶען מִיר פֶערְשְׁטֶעהְן, אַז מִיר מֶענְשֶׁען דַארְפֶען זִיךְ נִיט אַיינְרֶעדֶען אַז אַלֶע לֶעבֶּען צוּ לִיעבּ אוּנְז, אוּנ בְּעֵת מִיר הֶערן אוֹיף צוּ לֶעבֶּען הֶערְט מִיט אוּנְז אַלֶעס אוֹיף. אוּנ מִיר זֶענֶען פַאר אוּנְזֶער טוֹידְט נִיט מְחוּיָב גָאר צוּ זָארְגֶען פַאר דִי וָואס בְּלַייבֶּען נָאךְ אוּנְז! —

מִיר זֶעהְן דֶערְפוּן, אַז דֶער מֶענְשׁ הָאט נָאךְ אַ חוֹב אוּנ אַ מִצְוָה צוּ טְהוּן זֶעלְבְּסְט אִין דֶער לֶעצְטֶער מִינוּט פוּן זַיין דָא זַיין: מִיט זִיךְ אִין קֶבֶר אַריין טָאהר עֶר קֵיינֶעס'ס פְרַייהֵייט אוּנ קֵיינֶעס'ס גְלִיק נִיט מִיטְנֶעהמֶען, עֶר מוּז זָארְגֶען, אַז נָאךְ זַיין טוֹידְט זָאל דִיא פְרוֹי מִיט אִיהר מַאן אִיהר פְרַייהֵייט אוֹיף זִיךְ נִיט פֶערְלִירְן, אוּנ אַזוֹי ווִיא צוּ אִיהר דַארְף עֶר עֶהרְלִיךְ אוּנ גוּט זַיין אִין דֶער לֶעצְטֶער שָׁעָה, אַזוֹי טָאהר עֶר אוֹיךְ זַיינֶע קִינְדֶער נִיט פֶערְבִּינְדֶען מִיט אַ שְׁטְרֶענְגֶער צַוָאָה אוּנ ווִילֶען, וָואס קָאן זֵייעֶר פְרַייהֵייט שְׁטֶארְן אוּנ זֵייעֶר גְלִיק חָלִילָה הִינְדֶערְן.

אַלְס יוּד, וָואס מִיר אִיז לִיעבּ אוּנ הֵיילִיג יֶעדֶעס וָוארְט, יֶעדֶער אוֹת פוּן אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע סְפָרִים, הֵיילִיג אוּנ לִיעבּ אוֹיךְ יֶעדֶער דִין אוּנ מִנְהָג בַּיי אוּנְז יוּדֶען, בֶּעט אִיךְ שְׁטֶאנְדִיג בַּיי גָאט וָואס לָאזְט מִיךְ לֶעבֶּען, אַז אִין מַיין לֶעצְטֶען טָאג זָאל אִיךְ בַּיי מַיין קְלָארן זִינֶען זַיין אוּנ זַיין צְווִישֶׁען מַיין פַאמִילְיֶע, אָדֶער הָאטְשׁ צְווִישֶׁען יוּדֶען, אִיךְ זָאל קֶאנֶען אַ עֶהרְלִיכֶע אוּנ אַ גֶעטְרַייע צַוָאָה שְׁרַייבֶּען פַאר מַיין הוֹיז אוּנ קִינְדֶער, ווִי אוּנְזֶער תּוֹרָה ווִיל אוּנ ווִי עֶהרְלִיכֶע קְלוּגֶע יוּדֶען הָאבֶּען גֶעטְהוּן פוּן אֵייבִּיג אָן!

אֵיין טָאג פַאר אוּנְזֶער טוֹידְט, הֵייסְט אוּנְז דֶער חָכָם ר׳ אֱלִיעֶזֶר תְּשׁוּבָה טְהוּן אוּנ אַזוֹי ווִי מִיר ווייסֶען נִיט זִיכֶער אוֹיבּ מָארְגֶען וֶועלן מִיר נָאךְ לֶעבֶּען, אִיז דִי עֵצָה: תְּשׁוּבָה טְהוּן טַאקִי הַיינְט; אַז מִיר זָאלן אִיהם נוּר פָאלְגֶען וָואלְטֶען מִיר אִין תְּשׁוּבָה אוּנ אִין מַעֲשִׂים טוֹבִים אָבְּלֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע יָאהרן. דֶער מֶענְשׁ אָבֶּער זֶעהט דֶעם טוֹידְט נִיט נָאהֶענְט ווִי לַאנְג עֶר לֶעבְּט, דֶערְפַאר לֶעגְט עֶר אָבּ זַיין תְּשׁוּבָה אוֹיף שְׁפֶּעטֶער בִּיז עֶר שְׁטַארְבְּט אָפְּט גָאר אָהן תְּשׁוּבָה. נוּר דֶער לִיעבֶּער גָאט וָואס ווייס דֶעם מֶענְשֶׁענְס נַאטוּר, זַיינֶע שְׁוַואכְהֵייט אוּנ זַיין הֶערְץ אִין אִיהם, נֶעהמְט צוּ אַ הִרְהוּר תְּשׁוּבָה אַ מִינוּט פַארן טוֹידְט אוֹיךְ פַאר אַ תְּשׁוּבָה גְמוּרָה, אוּנ קֵיין יוּד שְׁטַארְבְּט נִיט אָהן תְּשׁוּבָה!

נִיט אַזוֹי אָבֶּער קָאן זַיין מִיט דֶער צַוָאָה וָואס יֶעדֶער אִיז מְחוּיָב צוּ לָאזֶען זַיין

הויז אונ קִינְדֶער : דָא הָאבֶּען מִיר אוּנְזֶער רָצוֹן אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען מֶענְשֶׁען , וָואס פֶּערְ־בֶּעטֶען עֶרְשְׁט דַאן אוּנְזֶערֶע גֶעדַאנְקֶען אַז מִיר שְׁפְּרֶעכֶען זֵיי אַרוֹיס, דַארִיבֶּער קָאן מֶען עֶס נִיט אָבְּלֶעגֶען אוֹיף שְׁפֶּעטֶער. וֶוער וֵוייס אוֹיבּ שְׁפֶּעטֶער וֶועט אוּנְז גָאר מֶעגְלִיךְ זַיין אוּנְזֶער לֶעצְטֶען רָצוֹן מְגַלֶּה צוּ זַיין ? מִיט הִרְהוּר אַלֵיין קָאן מֶען דָא נִיט יוֹצֵא זַיין עַל כֵּן מוּזֶען מִיר יֶעדֶען טָאג אוּנְזֶערן בֶּעטְרַאכְטֶען וִויא דֶעם אֵיין טָאג פַאר אוּנְזֶער טוֹידְט , אוּנ אוֹיבּ מִיר הָאבֶּען אַ רָצוֹן אָנְצוּזָאגֶען אוּנְזֶער וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער זֵיי זָאלֶען דִיזֶען רָצוֹן עֶרְפִילֶען נָאךְ אוּנְזֶער טוֹידְט — דַארְפֶען מִיר דֶעם רָצוֹן פוּן גֶעדַאנְקֶען אוֹיף פַּאפִּיר אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען טַאקִי נוּר הַיינְט אוּנ אַ גְרֵייטֶע צַוָּאָה הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג בַּיי זִיךְ .

דָאס לֶעבֶּען אוּנְזֶער אִיז פָאל מִיט סַכָּנוֹת , אוּנְזֶער פַּרְנָסָה צוּ עֶרְהַאלְטֶען דָאס לֶעבֶּען אִיז דִי אֵייבִּיגֶע מִלְחָמָה, וואוּ מִיר קוּמֶען אִין אַ גֶעפַאהר גָאר אוּנְגֶערִיכְט , אוּנ נוּר דוּרךְ נִסִים וֶועלְכֶע מִיר בֶּעמֶערְקֶען נִיט וֶוערן מִיר נִצוֹל אוּנ לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט . הָאטְשׁ דֶער מֶענְשׁ אִיז מִיט זַיין לֶעבֶּען אִין דֶער הֵיים נִיט זִיכֶערֶער אַלְס אִין וֶועג , נוּר זַיין אוּנְזִיכֶערְהֵייט בֶּעמֶערְקְט עֶר עֶרְשְׁט דַאן וואוּ עֶר זֶעהט דִי אָפֶענֶע גֶעפַאהר . אִין וֶועג הָאט מִיר אַלֵיין שׁוֹין גֶעטְרָאפֶען כִּמְעַט דֶעם טוֹידְט פַאר דִי אוֹיגֶען צוּ זֶעהן ; דַארִיבֶּער, טַייֶערֶע לִיעבֶּע , שְׁרַייבּ אִיךְ אִיצְט פַאר מַיין אַוֶועק פָאהרן פוּן אַייךְ מַיין לֶעצְטֶען רָצוֹן , אִיךְ שְׁרַייבּ עֶס נִיט אַלְס צַוָּאָה אָבֶּער אַלְס בְּרִיף , אַלְס בַּקָשָׁה , אִיהר זָאלְט וִויסֶען וָואס מִיר אִיז לִיעבּ אוּנ נִיחָא אִין לֶעבֶּען אוּנ אִיךְ וִוינְשׁ אַז נָאךְ מַיין טוֹידְט זָאל אוֹיךְ אַזוֹי זַיין . אַ צַוָּאָה גֶעפִינְט זִיךְ אַ חוּץ דֶעם אַ פָארְמַאלְנָא וִויא עֶס דַארְף זַיין . הֶערְט זְשֶׁע מַיין רָצוֹן ! :

אַלְץ וָואס אִיךְ לָאז דָא אוֹיף דֶער וֶועלְט נָאךְ מַיין טוֹידְט , לָאז אִיךְ אוֹיף אֵייבִּיג אוֹיף אַלֶע מָאל , אִין קֶבֶר אִיז אַלְץ אֵיינְס צוּ מֶען הָאט דָא פִיעל אוֹצְרוֹת נָאכְגֶעלָאזֶען צוּ מֶען הָאט נִיט גֶעהַאט אֲפִילוּ בְּעֵת מֶען הָאט גֶעלֶעבְּט אַ אֵייגֶענֶע פְּרוּטָה . אִין תַּכְרִיכִים פוּן לַיינְוַואנְד וִוידְקֶעלְט מֶען אַיין דֶעם עָנִי שֶׁבְּיִשְׂרָאֵל פּוּנְקְט וִוי דֶעם יוּדִישֶׁען עוֹשֶׁר , אוּנ אִין דֶעם פַייכְטֶען עֶנְגֶען קֶבֶר לִיגְט אַזוֹי רוּהִיג דֶער אָרֶעמַאן וִוי דֶער נָגִיד ! נוּר אַ גְרוֹיסֶער אוּנְטֶערְשֵׁייד , לִיעבֶּע הַייֶעלֶע . אִיז אוֹיךְ דָארְט וֶועלְכֶע קִינְדֶער אַיין יֶעדֶער הָאט אוֹיף דֶער וֶועלְט נָאכְגֶעלָאזֶען .

מִיר זֶענֶען יוּדֶען מַאֲמִינִים בְּנֵי מַאֲמִינִים ; מִיר גְלוֹיבֶּען אַז הִינְטֶער דֶעם קֶבֶר אֶפֶענְט זִיךְ פַאר אוּנְז , דֶער עוֹלָם הָאֱמֶת , דָארְט קוּמֶען מִיר אוּנְז צוּרִיק צוּזַאמֶען מִיט אוּנְזֶערֶע לִיעבֶּע גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע עֶלְטֶערן אוּנ דָארְט וַוארְטֶען מִיר , צוּ אוּנְז זָאלֶן אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער קוּמֶען , — אַז זֵיי וֶועלֶן זֵייעֶרֶע יָאהרֶען דָא אוֹיסְלֶעבֶּען , וִוי מִיר וִוינְשֶׁען זֵיי , — וָואס קָאן פַאר אוּנְז , גְלוֹיבִּיגֶע עֶלְטֶערן , אִין יֶענֶער מִינוּט , וֶוען אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער שְׁטֶעהֶען מִיט פֶערְוֵויינְטֶע אוֹיגֶען אַרוּם אוּנְזֶער שְׁטֶארְבֶּע בֶּעט , בְּעֵת מִיר שֵׁיידֶען אוּנְז מִיט אַלְץ וָואס מִיר הָאבֶּען דָא גֶעקְלִיבֶּען אוּנ אָנְגֶעזַאמֶעלְט , וָואס קָאן אִין אַזַא מִינוּט אִין אוּנְז שְׁטַארְקֶער זַיין וִויא דֶער רָצוֹן : דִיזֶע וֵויינֶענְדֶע קִינְדֶער זָאלֶן זִיךְ גֶעטְרֶאסְט וֶוערן נָאךְ אוּנְזֶער טוֹידְט ; חַי דֶער רָצוֹן : זֵיי זָאלֶען לֶעבֶּען אוּנ זַיין וִוי מִיר וִוינְשֶׁען זֵיי אוּנ אַז זֵייעֶר שָׁעָה וֶועט קוּמֶען אַהִין צוּ אוּנְז צוּ גֶעהן — זָאלֶן זֵיי מִיט זֵייעֶר קוּמֶען צוּ אוּנְז , אוּנְז דָארְט נִיט פֶערְשֶׁעמֶען , מִיר זָאלֶען זֵיי דָארְט עֶמְפְּפַאנְגֶען קָאנֶען

מיט דערזעלבער טרייהייט וואס מיר שיידען זיך פון זיי, אונ וויא מיר ווינשען אליין עמפפאנגען צו ווערן פון אונזערע עלטערן צו וועלכע מיר גרייטען אונז צו צוקומען באלד?

דאריבער איז מיין ערשטער אונ לעצטער רצון, חייעלע, אז אונזערע קינדער זאלען אונזערע קינדער זיין אונ בלייבען, נאך מיין טוידט ווי אין מיין לעבען, אונ ווען גאט וועט דיר מעהר יאהרן צוטהיילען דו זאלסט זייער לעבענדע מוטער נאך זיין בעת איך וועל שוין ניט מעהר זיין אלס זייער געשטארבענער פאטער, זאלסטו דעם חלק ליעבע אונ טרייהייט וואס דיין הערץ האט אמאל פאר מיר געפיהלט — פיהלען פון איצט פאר אונזערע קינדער. איך מיין מיט דעם: דו זאלסט זיי נאך מיין טוידט דאפעלט ליעבען — ליעבען זיי ווי א מוטער פערשטעהט איהרע קינדער צו ליעבען: אכטונג געבען זיי זאל ניט פעהלען קיין זאך, קיין עסען, קיין טרינקען אונ זיי זאלען געזונד זיין, אבער אויך ליעבען זיי ווי דו האסט מיך געליעבט, דאס הייסט: קוקען אויף זיי ווי אויף גאנצע מענשען, וועלכע האבען זייער אייגענעם ווילען, זייער אייגענעם שכל אונ האבען רעכט זייער גליק אליין אויסצוקלויבען .... גאט זאל דיך אבהיטען צו וועלען אנהענגען אויף זיי אזא גליק וואס זיי זעהן עס ניט מיט אייגענע אויגען!....

קאנסטו זייערע שמערצען פיהלען בעת זיי ליידען? ווי גערן אויך דו ווילסט, זיך געהמען זייערע יסורים נור זיי זאלען געזונד זיין, ווערן זיי מיט דעם ניט געהיילט. זיי קראנקען אונ זיי ווארפען זיך אונ זיי איז ביטער; אזוי קאנען זיי רעכט הונגריג זיין אונ א גוטען אפעטיט האבען בעת דוא האסט דיר דעם מאגען פערדארבען אונ קאנסט אויף עסען ניט א קוק טהון. בעזאנדערע מענשען זענען זיי אונ בעזאנדער איז אויך זייערע וואונש אונ פערלאנגען! פערשטעה דאס, חייעלע, זיי עהרליך מיט זיך אונ ניט רעד וויא אנדערע ווייבער, אהן שכל, וועלכע בעריהמען זיך, דאס בעת זיי זענען קינדער געוועזען האבען זיי גאר קיין אנדער וואונש אונ ווילען ניט געהאט, אלס דעם וואונש אונ ווילען פון זייערע עלטערן צו טהון. זאגען זיי אמת, איז דאס נור א סימן, ווי קליין זייער שכל איז דאן געוועזן, ווי פראסט אונ נארעש זיי האבען דאן געמוזט לעבען — זאגען זיי א ליגען, איז נאך מעהר צו בעדויערן אזעלכע מוטערס וועלכע ווילען מיט נארישער בעריהמעריי אונ מיט ליגען זיך אלס ביישפיעל שטעלען ווי זייערע קינדער זאלען זיך פיהרען!....

עלטערן קאנען אין קינדער ניכער פערנארט זיין אונ זייערע פעהלער ניט בעמערקען אלס קינדער אין עלטערן, אונ ווייל דיזע קינדער זענען שטאנדיג צוזאמען מיט זיי זעהען זי אפט אין די עלטערן אזעלכע פעהלער וואס קיין שונאים אויג אפילו איז ניט אים שטאנד צו זעהן; דאן טרעפט אפט, אז די קינדער ווערן דורך דעם פערדארבען אזוי ווי זייערע פערדארבענע עלטערן — אין בעסטען פאל, וואו די קינדער זענען מיט א גוטער עהרליכער נאטור געבוירן אונ די עלטערנס פעהלער ווירקען ניט אויף זייערע זיטען אונ אויפפיהרונג פערדארבען צו ווערן — פערלירען אבער די עלטערן זייערע די וואהרע אכטונג אונ ליעבע פון זייערע קינדער. האטש די קינדער בלייבען זיי קיין שונאים ניט, אבער גענונג אז אין טיפען הערצען שאמען זיי זיך מיט זיי

און פערלירן די ריינע אַכטונג פון קינדער צו עלטערן! ... דאַן, ליעבע חייע'לע, איז בעסער גאָר קיין קינדער צו האָבען, איידער זיי האָבען און זיי זאָלען זיך חלילה שאָמען מיט אונז איבער אונזערע שלעכטע מדות. איך וויל אָבער, דאָס מיינע קינדער זאָלען זייערע מוטער ניט נור ליעבען אָבער אויך אַכטען; ליעבען קאָן מען גאָר אָהנע אורזאַכע, נור פון דעם אַנגעבאָרענעם געפיהל: די מוטער צו ליעבען וועלכע עס האָט אונז געבוירן, אַכטונג אָבער קאָן נור דאָרט מעגליך זיין, וואו עס איז דאָ אַ גרונד אויף וואָס די אַכטונג זאָל געבויט זיין: מען מוז די אַכטונג פערדינען!.... ליבע חייע'לע, אַכטונג אָהנע פערדינסט איז נור חנופה, פאַלשקייט, אַזאַ אַכטונג פון איינענע קינדער ווינשע איך דיר ניט... דו קאָנסט אָבער די ריינע וואָהרע אַכטונג פערדינען, אַז דו וועסט דיינע טרייהייט און גוטסקייט מיט שכל, מיט איבערלעגונג זיי לאָזען מערקען, זיי זאָלען אַליין דיזע טרייהייט בעגרייפען און דאָס גוטס ערקענען, זיי זאָלען פערשטעהן און מיט איינענעם ווילען אָננעהמען דיין גוטס, דאַן וועט זייער דאַנק ממילא קומען און דוא וועסט באמת געליעבט און געאַכטעט זיין!

אונזער רחל'ע איז, גאָט צו דאַנקען, אַ גוט קינד, אַ געראָטהען קינד, פיעל האָב איך מיט איהר געלערנט, איהר הערץ איז גוט און ריין, איהר קאָפּ איז יונג און פריש, איהר שכל איז געזונד און ליכטיג און איהרע געזינונגען אין ריינעם יודישען גלויבען, אין פרומקייט און גוטסקייט ענטוויקלען זיך אַלץ שאָנער און בעסער פון טאָג צו טאָג; מיין האַרץ זאָגט מיר, דאָס זי וועט אימער ביי איהר גוטען פרומען הערצען בלייבען. דיך בעט איך, לאָז זי וואַקסען ווי אַ שאָנע בלום אין גאָטעס גאָרטען, לאָז איהר פריי זיין, שטערע ניט איהרע האָפנונגען, מיש זיך ניט אַריין אין איהרע שטילע פרומע געדאַנקען; פרעג זי ניט דאָס וואָס זי אַליין ערצעהלט דיר ניט, און ניט וויל זי מעהר גליקליך זעהן אַלס זי וויל עס זעלבסט! דאַן וועט דיין קינד דיך ליעבען, דיר אַלעס ערצאהלען, זעלבסט וואָס דו פרעגסט ניט, און גאָט און לייט וועלן מיט אונזער רחל'ען צופרידען זיין! דאַן, ליעבע חייע'לע, וועט רחל'ע אַ גוטער משל קאָנען זיין פאַר אונזערע קלענערע קינדער, זי וועט זיי פיהרען אין דעם זעלבען וועג וואָס איך, איהר פאָטער, האָב זי געפיהרט ביז אַהער. דאַן וועלן אונזערע קליינע קינדער, האָפע איך, קיינע יתומים'לעך ניט זיין זעלבסט ווען זיי וועלן שוין קדיש זאָגען נאָך זייער פאָטער!...

אַז די געווינשטע צייט וועט קומען, און דו וועסט. אָהן מיר, פאַר רחל'ען אַ שדוך דאַרפען טהון, זאָג איך דיר אויסדריקליך: מיין גאַנצע דעה וואָס איך האָב אין דעם אַלס פאָטער, לאָז איך איינציג און אַליין מיין רחל'ען, ניט דיר, און ניט מיין ברודער שלמה'ן – אויב גאָט וועט אייך מעהר יאָהר געבען לאַנגער צו לעבען אַלס איך – דאַריבער וועט רחל'עס דעה אין דעם זיין אויך מיין דעה, און דיין דעה, אויב זי וועט חלילה אַנדערש זיין אַלס אונזערע, זאָלסטו מבטל זיין אויב דו ווילסט נור מיך אין קבר צורות לאָזען!...

זיכער בין איך אַז ניא וועט רחל'ען יענער געפאַללן, וואָס וואָלט אין מיין לעבען מיר ניט געפאַלן און דער, וועלכער געפאַללט מיר שוין איצט, האָט שוין זיין חן געפונען אין איהרע אויגען. מיין זעליגער פאָטער, דיין גוטער און קלוגער שווער, האָט

שוֹין דָאס פָארְגֶעוֶעהן, בְּעֵת זֵיי זֶענֶען נָאךְ קְלֵיינֶע קִינְדֶער גֶעוֶועזֶען אוּנ הָאט זֵיי זַיין בְּרָכָה גֶעגֶעבֶּען, אִיצְט הָאט נָאט אוֹיךְ זֵייעֶר הֶערְץ צוּזַאמֶענְגֶעבּוּנְדֶען; וֶוער עֶס וִויל אִין גָאט לֵייקֶענֶען אוּנ אִיהם דֶערְווידֶער זַיין זָאל דִיזֶען בּוּנְד צוּרַייסֶען!....

אִין דֶער פָארְמַאילְגֶער צַוָואָה וָואס אִיךְ שְׁרַייבּ אִין רוּסִישֶׁען פַאר עֵדוּת, בֶּעשְׁטֶעטִיגֶע אִיךְ אַלֶע אוֹפַנִים פוּן יְרוּשָׁה. אִיךְ פֶערְבִּינְד דִיךְ נִיט, אָבֶּער בֶּעטֶען בֶּעטֶע אִיךְ: אוֹיבּ דוּא בִּיזְט מִיר טְרַיי אוּנ אוֹיבּ מַיין אַנְדֶענְקֶען וֶועט בַּיי דִיר חָאטְשׁ פִיעל וֶוענִיג טְהַייעֶר בְּלַייבֶּען — זָאלְסְטוּ דִי קִינְדֶער אוּנְזֶערֶע אֵיינְצִיג אוּנ אַלֵיין אַ מוּטֶער אוּנ אוֹיךְ אַ פָאטֶער זַיין, וֶוענִיגְסְטֶען, אַזוֹי לַאנְג זֵיי קֵיין נַייעֶם זָארְגֶער אוּנ מַדְרִיךְ נִיט נֶעבֶּען, בִּיז רָחֵלֶ'ע וֶועט אִים שְׁטַאנְדֶע זַיין מַיין שְׁטֶעלֶע אִין דֶעם צוּ פֶערְטְרֶעטֶען ....— וִוי לַאנְג זֵיי דַארְפֶען נָאךְ דַיין מוּטֶער לִיעבֶּע, וִוי לַאנְג זֵיי קָאנֶען אָהן דַיינֶע טְרַייהֵייט נִיט אוֹיסְקוּמֶען, זָא לַאנְג נוּר בְּלַייבּ דוּא זֵייעֶר מוּטֶער, שְׁפֶּעטֶער בִּיזְטוּ פְרַיי. אוּנ דָארְט וואוּ אִיךְ וֶועל דַאמָאלְס זַיין וֶועל אִיךְ פַאר דִיר גָאט בֶּעטֶען דִיר זָאל גוּט זַיין!

אוֹיךְ דִיךְ, מַיין לִיבֶּער בְּרוּדֶער שְׁלֹמֹה, בֶּעט אִיךְ דֶער אָפֶּעקוּן אוּנ טְרַייעֶסְטֶער פְרַיינְד מַיינֶע קִינְדֶער צוּ זַיין, אִיךְ קֶען דַיין גוּט הֶערְץ, דַיין וַוייךְ יוּדִישׁ הֶערְץ, שְׁלֶעכְט זַיין קֶאנְסְטוּ גָאר נִיט; אָבֶּער אוּם גוּט צוּ זַיין, דִי גוּטְהַאַרְצִיקֵייט זָאל נִיט אָהנֶע נוּטְצֶען בְּלַייבֶּען מוּז מֶען אוֹיךְ קְלוּג זַיין .... דוּא קֶאנְסְט דֶענְקֶען אָבֶּער דוּ ווילְסְט נִיט, דוּ וֵוייסְט אַ דִין אוּנ אַ יוֹשֶׁר, אָבֶּער צוּ וֶוענִיג אִיז דַיין דֵעָה אַ דֵעָה וואוּ אַנְדֶערֶע זֶענֶען דִיר נֶעגֶען, דָאס קוּמְט נוּר דֶערְפוּן וַוייל דוּ בִּיזְט דַיין שֵׂכֶל מְבַטֵל אוּנ אַ דֵעָה אָהן שֵׂכֶל אִיז קֵיינְמָאל קֵיין דֵעָה נִיט!

צוּ לִיעבּ מַיינֶע יְתוֹמִים, שְׁלֹמֹה, צוּ לִיעבּ זֵיי וֶועק דַיין שֵׂכֶל אוֹיף אוּנ אַלְץ וָואס דוּ וֶועסְט נוּר טְהוּן פַאר זֵיי זָאל מִיט שֵׂכֶל אוּנ מִיט דַעַת זַיין!

וֶוער וֵויס: צוּ לִיעבּ וָואס הָאט דִיר גָאט מֶעהר יָאהרֶן גֶעגֶעבֶּען אַלְס דַיינֶע יוּנְגֶערֶע בְּרִידֶער אוּנ הָאט דִיר קֵיין קִינְדֶער צוּגֶעטְהֵיילְט זֵיי מְגַדֵל צוּ זַיין? אֶפְשָׁר מֵיינְט דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם: דִיךְ צוּ וִוירְדִיגֶען דֶערְמִיט וָואס דוּ וֶועסְט מַיינֶע יְתוֹמִים מְגַדֵל זַיין, גְלַייךְ וִוי דוּ וָואלְסְט אֵייגֶענֶע קִינְדֶער עֶרְצִיהֶען? אִיז דֶען נִיט גְלַייךְ דֶער וָואס עֶרְצִיהְט פְרֶעמְדֶע קִינְדֶער אִין גוּטֶער יוּדִישְׁקֵייט וִוי עֶר וָואלְט אֵייגֶענֶע קִינְדֶער הָאבֶּען אוּנ זֵיי עֶרְצִיהֶען?

פִיעל תּוֹרָה, מַיין בְּרוּדֶער, בְּרוֹיךְ אִיךְ דִיר נִיט זָאגֶען, דוּא לֶערְנְסְט דִי תּוֹרָה מֶעהר פַאר מִיר אוּנ דוּ קֶאנְסְט וִויסֶען וָואס גָאט פֶערְלַאנְגְט; נוּר בִּיטֶען מָאג אִיךְ דִיךְ, דוּא זָאלְסְט, אַנְשְׁטַאט מִיר, מַיינֶע קִינְדֶער תּוֹרָה לֶערְנֶען, רָחֵלֶ'ע וֶועט זֵיי דֶרֶךְ אֶרֶץ ווייזֶען אוּנ בֵּיידֶע זָאלְט אִיהר אֵיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע נִיט שְׁטֶערן!

מַיין רָצוֹן וֶועגֶען אוּנְזֶער פְלֶעמֶענִיק מֹשֶׁה'לֶען דַארְף דִיר בֶּעוואוּסְט זַיין, דוּא וֵוייסְט אוֹיךְ אַז דָאס וַואר דֶער לֶעצְטֶער רָצוֹן פוּן אוּנְזֶער זֶעלִיגֶען פָאטֶער. אַז דִיא גְלִיקְלִיכֶע שָׁעָה וֶועט קוּמֶען וָואס דוּא וֶועסְט אוּנְזֶער רָצוֹן אוֹיסְפִיהרֶן אוּנ דוּא וֶועסְט דַיינֶע הֶאנְד אוֹיף זֵייעֶר קָאפּ אַרוֹיפְלֶעגֶען זֵיי אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה אַלְס חָתָן כַּלָה צוּ בֶּענְשֶׁען, מֶאנְסְטוּ זִיכֶער זַיין, אַז צוּזַאמֶען מִיט דִיר וֶועלֶן אוֹיךְ מִיר: אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנ אִיךְ — אוּנְזֶערֶע הֶענְדְט אוֹיפְהוֹיבֶּען אוּנ אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער בֶּענְשֶׁען אוּנ גָאט פוּן זַיין הֵיילִיגֶע הִימֶעל וֶועט אוֹיף אוּנְזֶער בְּרָכָה אֶנְטְפֶערן אָמֵן!

„די איבְּרִינֶע עֲנְיָנִים אוּנ חֶשְׁבּוֹנוֹת וֶועסְטוּ גֶעפִינֶען אִין דֶער פָּארְמַאילְנֶער צַוָאָת איךְ הָאפֶּע דוּא וֶועסְט אַלֶעס אַזוֹי פּוּנְקְטְלִיךְ אוֹיסְפִירְן אוּנ נִיט לָאזֶען חָלִילָה, אַז יֶעמַאנְד זָאל נָאךְ מַיין טוֹידְט מַיין נָאמֶען נִיט צוּם גוּטֶען דֶערְמָאנֶען.

„זַייט אַייךְ גֶעזוּנְד, אִיךְ וִוינְשֶׁע נָאךְ אַייךְ אַלֶעמֶען אַלֶעבֶּעדִינֶער לֶעבֶּעדִינֶע אוּנ גֶעזוּנְדֶטֶע צוּ זֶעהְן. וָוארוּם בֶּעת אִיךְ שְׁרַייבּ בִּין אִיךְ נָאךְ רֶעכְט גֶעזוּנְד אוּנ שְׁרַייבּ נוּר: עַל כָּל צָרָה שֶׁלֹא תָבֹא; אָבֶּער דֶעם רָצוֹן וָואס אִיךְ הָאבּ דָא גֶעשְׁרִיבֶּען וֶועל אִיךְ נִיט מְשַׁנֶה זַיין אִין קֵיין אוֹפֶן. גָאט וָואס הָאט מִיר גֶעהָאלְפֶען דֶעם רָצוֹן מַיינֶעם פוּן מַחֲשָׁבָה אוֹיף פַּאפִּיר אִין וָוארְטֶער אַרוֹיס צוּבְּרֶענְגֶען, זָאל אַייךְ, מַיינֶע טְהַייעֶרֶע, הֶעלְפֶען אַזוֹי מְקַיֵים צוּ זַיין פּוּנְקְט וִוי דָא אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען. דֶערְמִיט וֶועט אִיהר טְהוּן אַ חֶסֶד שֶׁל אֱמֶת מִיט דֶעם גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם אֱלִיעֶזֶר בֶּן אַבְרָהָם הַכֹּהֵן!“

חֲבַל עַל דְאַבְדִין! וֶועה אוֹיף אוּנְז וָואס מִיר הָאבֶּען אַזַא טְהַייעֶרֶע כְּלִי פַּארְלָארְן! הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה אוֹיסְגֶעזִיפְצְט מִיט טְהְרֶערְן אַז עֶר הָאט דִי צַוָאָה גֶעעֶנְדִיגְט. זַיין צַוָאָת וַוייזְט אוּנְז וָואס פַאר אַ חָכָם אַ עַמְקָן עֶר אִיז גֶעוֶועזְן, וִוי טִיף אוּנ וִוי הוֹיךְ זַיין קוֹק אִיז גֶעוֶועזְן! מֶען מָאג דְרוּקֶען יֶעדֶעס וָוארְט פוּן אַזַא צַוָאָה. הַייעֶלֶע, דוּא מָאנְסְט וַויינֶען, אַלֶץ קָאן דִיר דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אַוֶועג גֶעבֶּען, אָבֶּער נָאךְ אַזַא מַאן, אַזַא סַפְרָא רַבָּה, אַזַא מוּשְׁלָם בְּתַכְלִית הַהַשְׁלָמָה, אַזַא גוּטֶער אוּנ בַּעַל מִדוֹת טוֹבוֹת וֶועסְטוּ שׁוֹין נִיט הָאבֶּען!... עַל הַאי שׁוּפְרָא דְבָלֵי בְּעַפְרָא, אוֹיף אַזַא טְהַייעֶרֶע שֶׁאנְקַייט וָואס אִיז אִין דֶער עֶרְד אַריין מָאג מֶען וַויינֶען אוּנ קְלָאגֶען. נוּר טַעֲנוֹת צוּ גָאט טָאהר מֶען נִיט הָאבֶּען, אוּנְז בְּלַייבְּט נוּר דִיא וואוּנְד אִין הַארְצֶען, וָואס נִיט אַזוֹי גְרִינְג וֶועט אוּנְז זַיין דִיא צַוָאָה זַיינֶע מְקַיֵים צוּ זַיין!...

— אַ פָּנִים, אַז דֶער מֶענְשׁ הָאט מֶעהר טְהְרֶערְן אִין זַיינֶע אוֹיגֶען אַלְס עֶר וַוייס אַלַיין! הָאט הַייעֶלֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען, נִיטָא דָא אִין דֶער צַוָאָה אַזוֹי פִּיעל אוֹתִיוֹת אֵיינְצִיגֶע וִויפִיעל טַייבֶען טְהְרֶערְן אִיךְ הָאבּ שׁוֹין צוּגָאסֶען זִיא לֶעזֶענְדִיג; נוּר אֵיין טְרֶאסְט אִיז מִיר נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען, וָואס אִיךְ וֶועל קָאנֶען מִיט גָאטֶ׳ס הִילְף זַיין צַוָאָת אוֹיסְפִירְן אוּנ טְהוּן זַיין רָצוֹן פּוּנְקְט וִוי עֶר פֶערְלַאנְגְט! עֶר בֶּעט מִיךְ: דִיא קִינְדֶער מַיינֶע לִיעבּ הָאבֶּען, בֶּעטֶען דַארְף עֶר מִיךְ? אַז עֶר וָואלְט גֶעבֶּעטֶען זֵיי פַיינְדְט הָאבֶּען, וַוייס אִיךְ נִיט צוּ וָואלְט אִיךְ גֶעקָאנְט זַיין בֶּעטֶען מְקַיֵים זַיין, אָבֶּער אַז עֶר בֶּעט מִיךְ זֵיי לִיעבּ הָאבֶּען, בִּין אִיךְ דֶען זֵיי אַ פְרֶעמְדֶע? הָאבּ אִיךְ זֵיי דֶען וֶוען פַיינְדְט גֶעהַאט? גָאט זָאל מִיךְ אַזוֹי לִיעבּ הָאבֶּען וִויא אִיךְ לִיעבּ מַיינֶע קִינְדֶער! אִיהר מַאנְסְלַייט קָאנְט גָאר נִיט פִיהלֶען דִיא לִיעבְּשַׁאפְט וָואס אַ מוּטֶער לִיעבְּט אִיהרֶע קִינְדֶער; אַייךְ טְהוּט דֶער בּוֹיךְ גָאר נִיט וֶועה בֶּעת מִיר גֶעבּוֹירְן דִיזֶע קִינְדֶער מִיט שְׁמֶערְצֶען אוּנ מִיט פַּיין, וָואס זָאל אִיךְ אוֹיף אִיהם פַארִיבֶּעל הָאבֶּען?

— עֶר בֶּעט דִיךְ אָבֶּער נָאךְ אַזַאךְ, הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה דֶערְמָאנְט, עֶר בֶּעט דִיךְ: דוּ זָאלְסְט אַ הוּץ אֵיינֶענֶע לִיבְּשַׁאפְט זֵיי לִיעבּ הָאבֶּען וִוי עֶר עָלָיו הַשָׁלוֹם הָאט זֵיי לִיעבּ גֶעהַאט. עֶר מֵיינְט מִסְתָּמָא: דוּ זָאלְסְט נִיט וֶועלְן אוֹיף זֵיי צוּ פִּיעל רַחֲמָנוֹת הָאבֶּען, וָוארוּם דַארִיבֶּער זָאגֶען מִיר: „כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים“ אוּנ נִיט „כְּרַחֵם אֵם עַל בָּנִים“, וַוייל אַ מוּטֶער מַאכְט מִיט אִיהר רַחֲמָנוֹת אַמָאל קַאלְיֶע דָאס קִינְד; פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ? דִיא גְמָרָא אוּנְזֶערֶע זָאגְט: אַ קִינְד זָאל מֶען מִיט דֶער לִינְקֶער הַאנְד אָבְּשְׁטוֹיסֶן פוּן זִיךְ אוּנ מִיט דֶער

רעכטער זאל מען עס צוריק מקרב זיין; א מוטער אבער איז שטאנדיג דאס קינד מקרב מיט ביידע הענד, דאריבער קומט אויס אז איהר רחמנות איז א אכזריות ... ווידער פערלאנגט ער: דוא זאלסט דיין דעה, פערשטעהסטו מיך, מבטל זיין פאר זייער דעה, דאס הייסט: דוא זאלסט אין א סך זאכען זיי לאזען וואקסען ווי זיי ווילען. דעם אמת זאגענדיג, איז עס מיר קשה, איך פערשטעה ניט וואס ער מיינט דערמיט? א קינד ווייס גאר ניט וואס עס וויל; נור דאס מוז ער מיינען געגען א שידוך פאר רחל'ען. אמת, רחל'ע האט שכל, איז א גוט קינד אונ עס וואלט טאקי גרינג געוועזען מסכים צו זיין צו דעם וואס איהר געפאללט; אבער, דער מענש טראכט אונ גאט לאכט!" ליזער, עליו השלום, האט נאך ניט געוואוסט, בעת ער האט די צוואה געשריבען — וואס פון דעם משה'לען איז געווארן ... א גרויסער נסיון איז זיין צוואה איצט פאר אונז! גאט זאל אונז צו הילף זיין מיר זאלען זי קאנען אויספיהרן, יוצא צו זיין פאר איהם.

— וואס רעדט איהר, שוואגער? האט חייע'לע ערשראקען אויסגעשריען, וואס איז דען מיט משה'לען געשעהן? פאר וואס זאל ער באמת רחל'עס חתן ניט קאנען זיין? פון מיינטוועגען, זאג איך אייך, איז קיין מניעה האטש באלד תנאים צו שרייבען; טאקי פאר וואס ניט? זיי זענען שוועסטער קינדער, ביידע יתומים נעבך, וואס דען? לאנג וועל איך זי האלטען קאנען? איך בין דאך פארט א אלמנה, וואו וועל איך פאר איהר אנדערע חתנים געהן זוכען? אונ אז מען זוכט געפינט מען שוין. וואס?...

— אוים משה'לע, פארפאלען מיין טהייער קינד! האט ר' שלמה אויסגעקרעכצט אונ טהרערן האבען זיין שטימע פערשטיקט. משוגע, ניט דא געדאכט, איז ער געווארן! שטודירן האט זיך איהם פערגלוסט אונ איז בשתיקה אונז אלעמען אוועק־געפאהרן אין דייטשעלאנד אונ איז א שטודענט געווארן; נו קאן ער שוין רחל'עס חתן זיין?... ניין, גאטעס דרכים ווייסען מיר ניט, מען טאהר ניט זאגען: ניין! י"ר וועט נאך אראבקומען, אט הארסטו, חייע'לע, וואס איך זאג דיר? מיין פאטער, זכר צדיק לברכה, וועט ניט דערלאזען זיין עניקעל זאל אזא מופקר ווערן ווי אונזער דאקטער. ער וועט קומען, וועסטו זעהן, ער וועט חוזר בתשובה זיין אונ ווערן רחל'עס חתן; אזוי האט מיין פאטער אונ איהר פאטער געוואלט, מיר טארן זייער רצון אזוי גרינג ניט אריבער געהן, נור גאט ווייס ביז וואנען וועט דער טירוף איהם האלטען!

— איהר האט איהם גאר ניט געשריבען? האט חייע'לע געפרעגט.

— איך האב איהם געשריבען, איהם רחמים געבעטען ער זאל רחמנות האבען אויף מיינע אלטע יאהרן, אויף זיין זיידען נעבך, וואס וויינט אונ קלאגט אויף איהם; איך האב איהם דאס אויך דערמאהנט אז רחל'ע איז שוין א יתומה אונ איהר פאטערס רצון איז געוויס געוועזען ער זאל איהר חתן זיין; אבער די טומאה, רחמנא לצלן, האט זיין שכל ביי איהם אבגענומען אונ ער אנטפערט: ער וועט ניט צוריק קומען ביז ער וועט אויסלערנען אלע חכמות ו' נארעשקייטען, בנאמנות, וואס מען לערנט דארט מיט איהם, הײנט גיב זיך א עצה!...

חייע'לע האט זיך שטארק פאנאנדער געוויינט, אלע איהרע פלאנער זענען פון דער שרעקליכער נאכריכט צופלויגען געווארן.

— ר' פנחס'ל דעם רבינ'ס זאל לעבען האט שוין לאנג געזאגט אַז פון איהם וועט קיין גוטס ניט זיין! האט חייע'לע מיט אַ כעס געזאגט. איך וועל מיט גאטעס הילף פאר מיין רחלע'ן אַ שאנערן און אַ בעסערן חתן געפינען, איך וויל נור פאר גאט ברוך הוא יוצא זיין!

— ניין, מיין שוואגערין, האט ר' שלמה לאנגזאם אויסגערעדט, ניט אַזוי גיך טהוט זיך ווי עס רעדט זיך! איך האב מורא, אַז רחלע וועט אויף אַ אַנדער חתן גאר ניט וועלן אַ קוק טהון...

— וואס רעדט איהר, שוואגער? מיין פרומע רחלע, וועט וועלן אַ חתן אַ געשטודירטען? האט זיך חייע'לע ווי אַ פערצווייפעלטע אַ חאפ געטהון, סיידען ער האט איהר אַ כשוף אָבגעטהון, סיידען זי איז מיין קינד ניט מעהר! איך בין נאך אָבער ניט געשטארבען, מיין דעה איז אויך אַ דעה!... איך האב נאך קליינע קינדער, איך וועל זיך און די איבריגע ניט דערטרענקען צו ליעב איהר!

— ועהסטו אַז עס איז ניט אַזוי גרינג די צוואה מקיים צו זיין? ער הייסט דיך, ניט צווינגען דיין קינד; דו ביזט אַ פרומע אשה, חייעלע, דו מוזט און דארפסט מקיים זיין די צוואה, גאט זאל דיך איינהיטען פון אַזא מכשל עון וויא אַ מאנס צוואה צו צערייסען! האב געדולד, האף צו גאט, ער וועט אַ עצה צו שיקען מיט דער צייט.

— אָבער, ער, עליו השלום, האט דאך ניט געוואוסט אַז משה'לע איז געווארן אַ מופקר? האט זי געטענה'ט, פון זיין הייליגער רוהע וועט ער מיר דאנקען אַז איך וועל זיין ליעב קינד געבען אַ פרומען יודען אַ מאן און ניט אַ מופקר! — אַז דו וועסט דיין קינד געבען אַ מאן אַ יודען? האט ר' שלמה איבער געזאגט, פרעג פריהער צו וועט דאס קינד וועלן געהמען וואס דו גיסט איהם?

— אַ קלאג צו מיינע יאהרן! האט זי אַ געשריי געטהון און האט זיך אַ האפ געטהון פארן קאפ. מיין רחלע איז פון וועג אַראפ סיידען, איך לויף צו איהר, איך וויל עס פון איהר מויל הערן, זאָל וועל איך וויסען אַז מיין קינד האט אַ דונער איינגעשלאגען.. ניין, ניין, איך וועל ניט פרעגען, לאז זי מיר פרובען נור מעיז זיין!

— האר חייע'לע, האט דער פעטער ערענסט און ענטשידען אויסגערעדט, האר, דו ביזט אַ אשה! איך בין אַ מאנספערשוין און בין עלטער פאר דיר, מיט באזען וועסטו גאר גישט מאכען, פאלג זשע בעסער מיר און לאז דערווייל שטיל זיין, גאר שטיל זאג איך, ניט רעד מיט איהר וועגען משה'לען, וויא ער וואלט גאר ניט זיין; איך האב אויך אַלע רייד וועגען איהם אויפגעהערט, אַז מען וועט אין שטוב זיין נאמען ניט דערמאנען וועט זי איהם פערגעסען. געדענק וואס איך זאג דיר, זי וועט איהם פערגעסען. וועסטו זעהן זי וועט איהם פערגעסען! דו אדרבה, ווייז איהר דיין פריינדשאפט, מיט אַלץ וואס דו קאנסט; איהר טאטע איז שוין געשטארבען, זעה, זי זאל ווערן צו דיר אַזוי צוגעטהון ווי צו איהם, דיר צו לאנגער יאהר. דערנאך, אַז עס וועט אַריבער אַ צייט און דו וועסט איינזעהן אַז רחלע איז דיינע, וואס הייסט דיינע? מאכי דיינע ווי איך מיין, וועסטו קאנען אָנהייבען רעדען מיט איהר פון אַ חתן. דערווייל וועט זי מאכי עלטער ווערן, דער יאהר פון אבלות וועט אַריבער גיין, און אפשר וועט דער רבונו של עולם זיך מרחם זיין און משה'לע וועט זיך

אַרומקוקען, וועט צוריק אַ מענש ווערן, אונ עס וועט געשעהן, דער רצון פון מיין פּאַטער אונ דער ווילען פון לייזער'ן עליו השלום! נור אייל ניט, קיינער ווייס נאָך דערווייל ניט אַז ער שטודירט, צום שדוך וועט איהם ניט שאַדען, הלואי זאָל ער גור ווערן קומען, ווי קיינער וועט איהם ניט האָבען וואָס אויפצוואַרפען! — האָרסטו? דער זכות פון מיין פּאַטער, וועט אונז בייזשטעהן, אונ משה'לע וועט אַ כשר'ער, פרומער יוד בלייבען ווי מיר ווינשען איהם פון גאַנצען האַרצען, געדענק מיינע בייד חיה'לע, האָף צו גאָט, זיין חסד איז גרויס גענוג!

— הלואי זאָלט איהר אמת זאָגען! האָט זיא צוגעוואונשען אונ האָט איהר שוואַנגער פערשפּראָכען: משה'לעס נאָמען ניט דערמאָנען, וואַרטען אַ האַלב יאָהר אונ ווענען אַ שדוך פאַר רחל'ען גאָר ניט טראַכטען. אַז זיא האָט זיך פון דאָס נייע אויסגעוויינט האָט זיא געוואונשען אַלע איהרע שונא'ים — וואָס טראַכטען אויף שלעכטם — זאָלען בלייבען אלמנות פון זייערע מאַנען, מיט אַ וועלכע זאָרג אונ קאָפּדרעהענעס וויא איהרע!...

## ז.

עס זענען אַריבער אַ פּאָר וואָכען אונ ר' שלמה האָט ווידער געזאָגט צו זיין ווייב: „געשטאָרבען מיין ברודער ז"ל האָרסטו דבורה, לייזער איז געשטאָרבען, חבל על דאַבדין!

דבורה האָט אַ שווערען זיפץ געטהון, אונ געפרעגט: וואָס איז, עפּיס אַ נייעס געשעהן

— נייעס, ווילסטו נאָך? ניט גענוג דיר דאָס אַלטע, מסתמא! האָט ער אויסגערעדעט אין כעס. גלייך ווי זיא וואָלט שולדיג געוועזן אין דעם וואָס איז געשעהן.

זיא האָט געשוויגען, וואָרום זיא האָט פערשטאַנען, אַז דאָס איז אַ הקדמה נור, איהם דריקט דאָס האַרץ, ער זוכט זיך אויסרעדען אַ ביסעל אונ ווייס ניט ווי עס אָנצוהעבען.

— יאָ, דבורה, האָט ער נאָך אַמאָל זעהר טרויעריג אַרויס גערעדט, ער איז געשטאָרבען, פאַרפאַלען! מיר מוזען זיך איינגעוואָהנען לעבען אָהן איהם; נור איך פרעג דיך: זאָג מיר, וויא געוואָהנט מען זיך? וויא פערגעסט מען איהם, אַז אויף יעדען טריט מוז איך איהם דער מאָנען? אייביג וועל איך איהם ניט פערגעסען, וואָרום אייביג, זאָג איך דיר, וועט ער אונז פעהלען! געבטען למשל: איז אַ אסיפה געוועזן אין שטאָדטעל, שקצים, יונגע שנעקעס האָבען זיך מיט אַ דעה אַרויס געהאַפּט; זיי וואָלטען דאָס מויל געהאַלטען, אַז ער וואָלט אויף דער אסיפה געוועזען. אַלע האָבען איהם דערמאָנט, אַלעמען פעהלט ער: אונזער בית המדרש איז אָבגעלאָזען אָהן איהם, דער תלמוד תורה מלמד האָט מיט די יונגלעך צו לערנען אויפגעהערט, ניטאָ לייזער אונ ניטאָ ווער עס זאָל צאָהלען שכר למוד, ניטאָ ווער עס זאָל אַכטונג געבען, אַלעמען פעהלט ער, אָבער חיה'לען, דאַכט מיר, פעהלט ער גאָר ניט... זי האָט איהם אין גאַנצען פערגעסען אונ טהוט גאָר אונ גאָהט זיך קליידער, קויפט זיך צירונג, ווי זי וואָלט גאָר קיין אלמנה, קיין מוטער פון יתומים ניט געוועזן. הלואי זאָל איך

לִיגֶען זָאגֶען: חַיֶיע'לֶע וֶועט קוים דָאס יָאהר אוֹיסְהַאלְטֶען, זִי וֶועט נֶעהמֶען אַמַאן אוּנ אוֹיף אִיהרֶע יְתוֹמִים זִיךְ גָאר נִיט אוּמְקוּקֶען!...

— דוּ הָאסְט אַ טָעוּת, מַיין מַאן, הָאט דְבוֹרָה גֶעטְרֶעסְט, וֶוער וֶועט זִי נֶעהמֶען מִיט פִיער קִינְדֶער? אַבִּי וֶועמֶען וֶועט זִי נִיט גֶעהמֶען, אוּנ אַ לַייטִישֶׁער יוּד וֶועט זִיךְ נִיט אַיילֶען חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען מִיט אַ אַלְמָנָה פוּן פִיער יְתוֹמִים.

— דוּ בִּיזְט אַ יוּדֶענֶע! הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, הוּנְדֶערְט מָאל מוּז מֶען דִיר זָאגֶען, אַז דוּ בִּיזְט אַ יוּדֶענֶע! וָואס אִיז טַייטְשׁ, אַבִּי וֶועמֶען וֶועט זִי נִיט גֶעהמֶען? זִי וֶועט חוּפָּה הָאבֶּען חָאטְשׁ מִיט אַבִּי וֶועמֶען, גֶעדֶענְק מַיינֶע רֵייד! אַ אִשָּׁה וִויל בֶּעסֶער זִיטְצֶען אִין דֶעם רְשׁוּת פוּן אִיהר מַאן, זִי קוּקְט נִיט אוֹיף גְרוֹיס יִחוּס, אַבִּי אַ מַאן!... אַזוֹי זָאגְט דִיא גְמָרָא אִין קִדוּשִׁין אוּנ אִין יְבָמוֹת, דִיא גְמָרָא פֶערְשְׁטֶעהט אַייךְ בֶּעסֶער! אָט זֶעהסְטוּ דָאךְ, חַיֶיע'לֶע וֶועט חוּפָּה הָאבֶּען מִיט דֶעם עֶרְשְׁטֶען מַאן וָואס אַ שַׁדְכָן וֶועט אִיהר רֶעדֶען אַבִּי קֵיין אַלְמָנָה נִיט צוּ זַיין. ווִידֶער זָאגְט דִיא גְמָרָא: אַ אִשָּׁה הָאט אַלֶע מָאל אִיהרֶע תַּכְשִׁיטִין אוֹיף זִיךְ, דָאס מֵיינְט מֶען: דֶעם חֵן, דָאס גֶעשְׁלִיפֶען צִינְגֶעל.. אַ חוּץ דֶעם זָאגֶען לַייט: זִי הָאט כַּמָּה אֲלָפִים אַיינֶען גֶעלְד אַ חוּץ אִיהר כְּתוּבָּה, הֶערְסְטוּ, אִיךְ גְלוֹיבּ, וַוייל דִיא בִּיכֶער זָאגֶען מִיר: עֶס דַארְף זַיין פִיעל מֶעהר ווִיפִיעל עֶס אִיז גֶע־בְּלִיבֶּען... פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ, זִי אִיז קְלוּגֶער ווִי פְרוּמֶער, זִי הָאט נִיט גֶעוַוארְט בִּיז מֶען וֶועט צוּשְׁנַיידֶען דִי חַלָּה אוּנ מֶען וֶועט אִיהר אַ „הַמּוֹצִיא" אַיינְטְהֵיילֶען, זִי הָאט דִי חַלָּה אַלֵיין צוּ שְׁנִיטֶען, דִי גְרֶעסְטֶע הַמּוֹצִיא הָאט זִי פַאר זִיךְ אַרָאבְּגֶענוּמֶען, אוּנ וָואס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען הָאט זִי אִיהרֶע יְתוֹמִים צוּטְהֵיילְט, אוּנ דָאס הָאט זִי גֶעטְהוּן נוּר צוּ לִיעבּ דֶעם וַוייל זִי הָאט בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעקוּקְט חוּפָּה צוּ הָאבֶּען.

נָאךְ גוּט, וָואס רָחֶלֶ'ע בֶּעקְלָאגְט זִיךְ נִיט, אָבֶּער דָאס הַארְץ זָאגְט מִיר אַז זִיא פֶערְשְׁטֶעהט אוּנ פִיהלְט אוּנ טְרָאגְט דֶעם וֶועהטִיג אִין הַארְצֶען, גֶעוִויס. מֹשֶׁה'לֶע מֹשֶׁה'לֶע, ווִי הָאסְטוּ מַיין עֶלְטֶער בֶּעטְרִיבְּט! ווִיא בֶּעטְרִיבְּסְטוּ דָאס יוּנְג הֶערְץ פוּן דֶעם אָרֶעם קִינְד! אַנְדֶערְשׁ וָואלְט זַיין אַז דוּא וָואלְסְט דָא גֶעוֶועזֶן... דִיר מִיט רָחֶלֶ'ען וָואלְט דָאס הוֹיז בִּירוּשָּׁה בְּלַייבֶּען, דִי קְלֵיינֶע יְתוֹמִים וָואלְטֶען בַּיי אַייךְ זִיךְ הָאדִיוֶועט, אוּנ נִיט דַארְפֶען חָלִילָה אָנְקוּמֶען צוּ אַ שְׁטִיפְפָאטֶער, גָאט ווֵייס וָואס פַאר אַמֶענְשׁ עֶר וֶועט נָאךְ זַיין?!...

— צוּ אוּנְזֶער אוּנְגְלִיק הָאט נָאךְ מֹשֶׁה'לֶע צוּגֶעגֶעבֶּען, הָאט דְבוֹרָה מַסְכִּים גֶעוֶועזֶען, אַז רָחֶלֶ'ע וֶועט חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט אַיין אַנְדֶערְן וֶועט מֶען דָאס הוֹיז מוּזֶען פֶערְקוֹיפֶען. אוּנְגְלִיקְלִיךְ הָאט עֶר זִיךְ גֶעמַאכְט אוּנ אוּנְגְלִיקְלִיךְ מַאכְט עֶר אוּנְז אַלְעמֶען! אָבֶּער זָאג מִיר, דוּא הָאסְט דָאךְ נֶעכְטֶען אַ בְּרִיוֶועל מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען, וָואס שְׁרַייבְּט עֶר? דֶער קָאפּ אִיז מִיר אַזוֹי דֶערְשְׁלָאגֶען, אַז אִיךְ הָאבּ גָאר בִּיז אִיצְט פֶערְגֶעסֶן צוּ פְרֶעגֶען וָואס עֶר שְׁרַייבְּט. מִיר גְלוֹיבְּט זִיךְ גָאר נִיט: עֶר זָאל אוֹיף רָחֶלֶ'ען קֵיין רַחֲמָנוּת הָאבֶּען. זָאג אַדְרַבָּה וָואס אֶנְטְפֶערְט עֶר? וָואס שְׁרַייבְּט עֶר?

וָואס שְׁרַייבְּט עֶר? הָאט ר' שְׁלֹמֹה אִיבֶּערְגֶערֶעדְט, דָאס הַארְץ אִיז מִיר פֶער־קְלֶעמְט גֶעוֶועזֶן נֶעכְטֶען לֵייעֶנְדִיג זַיין בְּרִיעף, פוּן זַיין פֶערְפִידֶערְטְקַייט, פוּן זַיין בְּלִינְדְקֵייט רַחֲמָנָא לִצְּלָן! נָא, זֶעה וָואס עֶר שְׁרַייבְּט! עֶר הָאט אִיהר דָאס בְּרִיוֶועל דֶערְלַאנְגְט.

דאס איז דאך אויף לשון הקודש! האט זי געזאגט איהם דאס בריוועל צוריק אבגעבענדיג, לייען און פערטייטש מיר.

ער האט די ברילען אנגעטהון און געלייענט:

טהייערער ליעבער פעטער, ר' שלמה!

אייערע רייד האר איך בעת איך לייען אייער שרייבען. איך ווייס: זיי זענען מיט טהרערן געשריבען.. איך פיהל אייער טרייהייט צו מיר זעלבסט אין אייערע קללות וואס איהר שעלט מיך איבער מיין פערפיהרטקייט — ווי איהר רופט אן מיין היילינגען רצון, דיא היילינגע תורה מיט דער ליכטיגער חכמה צוזאמען צובינדען — איך קאן אייך פיעל ניט שרייבען, מיין הערץ בעגיסט זיך מיט בלוט פון דעם געדאנק אליין, אז מיין איינציגער טרייער פעטער פערשטעהט ניט דעם היילינגען רצון פון זיין פרומען פלעמעניק! ניין, איהר קאנט דעם רצון פערשטעהן, נור איהר ווילט ניט, ווייל איהר גלויבט מיר ניט... וואלט איך קאנען — אנשטאט דאס בריוועל שרייבען — איצט מיין הארץ פון מיר אויסרייסען און אייך צו שיקען, איהר זאלט עס אנזעהן, זיך גוט איינקוקען וויא ריין, וויא פרום עס איז, וויפיעל רחמנות און פיין אין איהם אנגעקליבען זענען, וואלט איך די יסורים פון אזא אפעראציאן ניט אכטען און דאס טהון, אבער א מענש וואס זעהט דעם אמת ניט אין די ווארטער וואס אזא הארץ גיסט אויס אויף דאס פאפיער, וועט אין דעם רויהען שטיק פלייש נאך ווייניגער זעהן, און איך דארף נאך מיין הערץ ביי זיך האבען, ליעבער פעטער!.. איך דארף נאך לעבען און דאס הערץ א געזונדטעס צוריקברענגען מיין טהייערען שוועסטער קינד רחל'ען וועמען עס געהער. איין זאך קאן איך אייך נור זאגען: ניט געלד און רייכקייט, ניט ירושה און גליקען קאנען מיך פון מיין ענטשלוס אבבייסען מיין רייכקייט איז מיין ריינער גלויבען אין אונזער איינציגען גאט, מיין ירושה איז זיין היילינגע תורה און חכמה וועלכע איך לערן איצט! ניט טהרערן, עלענד און רחמנות קאנען מיך בעוועגען צוריק צו קומען פאר דער צייט. רחל'ע דאס גוט קינד, איז מיין גליק און האפנונג און זי איז צופרידען מיט דעם וואס איך קום נאך ניט צוריק. פעטער, כלבא שבוע'ס טאכטער איז ניט די איינציגע בת ישראל וואס האט מיט פערגניגען נויטה און פיין געליטען ווארטענדיג אויף איהר טהייערן חתן, וואס האט זי אין עלענד געלאזען און איז געגאנגען תורה לערנען!.. נאך אין היינטיגע צייטען זענען דא ביי יודען בנות ציון טהייערע, וואס זענען צופרידען פיין און עלענד צו ליידען זייערע בעשערטע זאלען קאנען תורה און חכמה לערנען! רחל'ע ווארט מיט געדולד און בטחון אויף מיר: כלבא שבוע'ס טאכטער ווארט אויף איהר ר' עקיבא'ן!... זייט איהר נור ניט אזוי שלעכט צו אייער פלעמעניצע ווי דער רייכער כלבא שבוע צו זיין טאכטער!... לאזט דיא פרומע רחל'ען, דיזע, גאטעס פארכטיגע טאכטער. לאזט זיא ווארטען און הארען אויף מיר; איהר ליידען און בענגען וועט זי אייך קיינעם ניט ערצאהלען... פריי לאזט זי. פעטער געטרייער. שטערט ניט איהרע היילינגע האפנונגען, לאזט זי שטיל און פרום גאט בעטען און צו גאט האפען, ער וועט איהר טוטה און טראסט צו שיקען דעם געהאפטען טאג צו דערווארטען!... לאזט זי מיט די יתומים'לעך לערנען, זאל זיא איהרע פרייע שעות אין נוטער ערציהונג דיא עלענדע קינדער

געשאפטיגט זיין. ווילט ניט זי גליקליך מאכען פריהער אלס עס וויל איהר אייגען הערץ!.. אויך מיך לאזט רוהיג לערנען, אייערע בריוועלעך מאכען מיר נור יסורים אונ ברענגען אונז קיינעם קיינע נוטצען. ניט די טומאה האט מיך פערפיהרט, ניט דער יצר הרע האט מיך איבער גערעדט. איך ווייס פון קיין אנדער תאוה, פון קיין אנדער לעבען, אלס מיין הייסען ווילען תורה אונ חכמה צו לערנען! נפשי חשקה בתורתי. לערנען בין איך געפאהרן אונ ניט א הולטיי צו ווערן! איך בעט גאט פאר אייך, ליעבער געטרייער פעטער, אונ זעלבסט ווען איהר שעלט מיך, בענש איך אייך! איך קוש אייערע בריוועלעך בעת איך קאן אייערע האנד ניט קושען. – אלעס וואס איהר וועט נעגען מיר טהון בין איך אייך פון פריהער אן מוחל, נור רחל'ען לאזט רוהיג זיין!... מאכט ניט טריב איהר שטיל וואסער, וואס קוועלט קלאר ווי קריסטאל אין איהר ריינעם הערצען. זאל זי לעבען ווי זי לעבט, לאזט איהר גליקליך זיין ווי זי איז! צו גאט האפע איך, פעטער, עס וועט קומען די שעה, אונ איהר וועט אייך פרעהען אונ ריהמען מיט אייער פלעמעניצע רחל'ען אונ אויך מיט מיר אייער פלעמעניק משה בן ראובן הכהן. – איך גערים אייך ליעבע מוהמע! דאס הארץ זאגט מיר, אז איהר גלויבט מיר מעהר אלס מיין טרייער פעטער. מוהמע טהייערע, ניט לאזט אייער ליעבען מאן פערשעלטען אומזיסט זיין גוטען פרומען פלעמעניק. איך שוואר אייך: איך בין ניט פערפיהרט אין שלעכטס, איך בין פרום ווי גאט האט געבאטען אונ איך פיהר מיך וויא איהר ווינשט מיר. זייט געטריי אייער ליעבע פרומע פלעמעניצע, ניטא קיין פרומערעס הערץ ווי רחל'עס אונ ווען זי גלויבט מיר מאגען מיר אלע גלויבען. קאנט איהר אייך גאר פארשטעלן, איך זאל שוין אזוי פערדארבען זיין אבצונארן אט דעם ליעבען מלאך, אט די טהייערע יודישע טאכטער אונ איהר זאגען איך בין פרום בעת מיין הארץ פיהלט אז איך זאג ליגען?... ניין מוהמע, האב איך פערדינט מען זאל מיך פעראכטען פאר מיינע מעשים וואלט רחל'עס הארץ מיך פריהער פעראכט פאר יעדען, ליעבט זי מיך נאך אונ גלויבט מיר, מאג מיר יעדער גלויבען. זייט גוט צו איהר, פערשטעהט זיא, זיא איז א מלאך פון הימעל. אונזערע יודישע טאכטער צו לערנען ווי יודישע טאכטער צו זיין! פערשטעהט זיא מוהמע, מעהר בעט ניט אייער פלעמעניק משהלע.

– אוי לי מיוצרי ואוי לי מיצרי! האט ר' שלמה אנגעהויבען, איך האב פאר גאט ברוך הוא מורא אונ איך קאן אויך מיין ווייב הארץ אין מיר ניט גובר זיין! דאס הערץ וויל איהם זעהר גלויבען, אבער. איך האב מורא צו רעדט עס ניט דער יצר הרע אין איהם? זאג אדרבה. וואס זאגסטו מיט דיין ווייבערשען שכל?

מה נאמר ומה נדבר! האט זיא געענטווערט, וואס קאן א זינדיגע אשה זאגען? נור זאגען זאג איך: ווען אן מיר וואלט זיך דאס נור געווענדען וואלט איך איהם אלע גלידער אויסקושען פאר אזא בריוועלע. עס איז דאך צוקער יעדעס ווארט, לעבען זאל ער מיין זיס קינד!

– א אשה בלייבט א אשה, מיט א גרינגער דעה! זיא איז שוין פארטיג, ביי איהר איז שוין רעכט אונ קלארט גאר ניט אז דער יצר הרע האט אנגעשליפען צינגעל זי גלויבט איהם שוין! אבער זאג מיר; וואס וועט זיין מיט רחל'ען?

— וואָס פֿרעגסטו מיך, אַז איך בין נאָ אִשָׁה? האָט זי מיט פֿאַראיבעל געענטפֿערט — און איהרע טהרערן וועלכע האָבען זיך אין איהרע אויגען געקליבען כּמעט לייענגען, דאָס בריוועל האָבען זיך איצט אַ גאָס געטהון, פֿינסטער איז דער אִשָׁה, ביטער איז איהר! זי מאָג בעסער פֿערשטעהן פֿאַר דעם מאַנסביל, זאָגט מען אַלין: "זיא איז אַ אִשָׁה" נור וואָס פֿרעגסטו ביי אַ אִשָׁה?

— דוא ביזט אַ נאַרר, האָט ער זיך אָנגעבאָזערט. איך פֿרעג, איך רעד, דאָס האַרץ איז פֿאָל, אַז דיא וואַנדט וואָלט האָבען אַ מויל און מיר קאָנען אַנטוועהרען וואָלט איך ביי איהר אויך פֿרעגען; מיר איז ביטער, זעהר ביטער, קיינער פֿיהלט מיין וועהטאָג ניט, דוא אויך ניט!

זי האָט אויף איהר מאַן רחמנות געהאַט און איהם צו טרעסטען אָנגעהויבען:

— פֿאָלג מיר, האָט זיא געזאָגט, טהו גאָר ניט, טהו משהלעס רצון, ער איז אַ ערליך קינד זאָג איך דיר! געדענק מיינע רייד, אַ פֿרומער בחור, הלוואי אויף אַללע יודישע קינדער געזאָגט געוואָרען! עס איז דאָך צו דרוקען זיינע רייד! אַז ער איז אַ ביסעל פֿערפֿיהרט? לאָז איהם, ער וועט צום שׂכל קומען! מיט רחלען האָב קיין דאגה ניט, זיא בליהט, אָהן עין הרע, אַז עס איז אַ נחת אויף איהר אַ קוק צו טהון; דערווייל האָט נאָך חיהלע קיין חופּה ניט, איידער איהר רחלע וועט אַ כּלה ווערן וועט זי בשום אופן קיין מאַן ניט געהמען, אַזוי נאַרריש און שלעכט וועט זי ניט זיין, און אַז עס וועט קומען די צייט אַז רחלע וועט דאַרפֿען ווערן אַ כּלה, האָסטו נאָך אויך אַ שטיקעל דעה, — דו פֿערגעסט גאָר אַז זי איז אַ יתומה און דוא ביזט דער איינציגער פֿעטער איהרער, אפשר וועט גאָט געבען אין דער צייט וועט משהלע אַראָבקומען, וועט אַ ודאי גוט זיין, חלילה ניט, ווייסטו דוא דאָך, אַז עס לעבט נאָך ברוך השם אונזער רבי זאָל געזונד זיין און דו וועסט קאָנען איהם פֿרעגען. פֿאָלג מיר, מיין מאַן, גענוג דיר די אומזיסטע קאָפּדרעהעניש; גענוג אויך משהלען מיט דיינע בריוועלעך זיין לעבען צו פֿערביטערן, לאָז רחלען אויך צו רוה, אַ בי זי דאַוועֶנט, און איז פֿרום און געזונד, וואָס דאגה'סטו וואָס שפּעטער וועט זיין? —

— האָרסטו דבורה, האָט ער צוּבּרידען געענטפֿערט, איך פֿערשטעה דיינע וואָרטער אַ סך בעסער וויא מיינע אייגענע, אַ ודאי הונדערט מאָל האָב איך צו מיר אַליין גערעדט אָט די אייגענע וואָרטער, נור ווי זאָל איך דיר עס זאָגען, עפּיס האָבען זיי גאָר דעם טעם ניט געהאַט וואָס זיי האָבען איצט אַז איך האָר זיי פֿון דיין מויל. דו האָסט אַ כּח דיינע וואָרטער מיר אין האַרץ אַריין צו ברענגען, ומה'י מענה לשון, פֿון גאָט איז דאָס אַזאַ כּח אין צונג אַז דער אַנדערער זאָל פֿערשטעהן וואָס מען רעדט צו איהם; איצט פֿערשטעה איך טאַקי אַז דוא ביזט גערעכט, אויף נאמנות גערעכט! דו ביזט אַפּילו אַ אִשָׁה און ניט אַלין פֿערשטעהסטו וואָס מיר מאַנסלייט פֿערשטעהען, נור אַז דוא רעדסט ביזטו אַ קלוגע אִשָׁה, גאָר אָהן חנופה זאָג איך דיר אַ קלוגע אשת, זאָלסטו מיר טאַקי געזונד און שטאַרק זיין! גלייכער אַזוי, זיך גאָר ניט מישען, לאָז גאָט טהון ווי איהם געפֿעלט.

פֿון דעם טאָג האָט ר' שלמה אויפֿגעהערט צורעדען וועגען משהלען. חיעלע האָט אויך זיין נאָמען ניט דערמאָנט און עס האָט אויסגעוויזען אַז רחלע זעלבסט האָט

אִיהם אוֹיךְ פֶערְגֶעסֶען, וָוארוּם זִי אִיז גֶעזוּנְדְטֶער, שֶׁאנֶער אוּנ מוּנְטֶערֶער גֶעוָוארֶן אוּנ קֵיינֶער הָאט פוּן אִיהר אַ זִיפְץ נִיט גֶעהֶערְט.

— ווִי מֵיינְט אִיהר, שְׁוָואגֶער, הָאט אַ מָאל חַייֶע'לֶע ר' שְׁלמה'ן גֶעפְרֶעגְט, ווִיא מֵיינְט אִיהר, הָאט רָחֶל'ע שׁוֹין פֶערְגֶעסֶען משֶׁה'לֶען? ווִי מִיר דַאכְט ווִיל זִי שׁוֹין גָאר דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם מוּפְקָר נִיט דֶערְמָאנֶען.

— הֶאר נוּר, וָואס אִיךְ וֶועל דִיךְ בֶּעטֶען, הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט, כָּל זְמַן מִיר הָאבֶּען נָאךְ פוּן משֶׁה'לֶען קֵיין שְׁלֶעכְטֶס נִיט גֶעזֶעהן זָאלְסְטוּ אִיהם מִיט דֶעם נָאמֶען מוּפְקָר נִיט אָנְרוּפֶען! פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ, זַיין גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער פָאטֶער וֶועט עֶס דִיר נִיט מוֹחֵל זַיין; מִיר וֵוייסֶען נָאךְ נִיט, טָאמֶער הָאט עֶר שׁוֹין זַיין הַארְץ גֶעבְּרָאכֶען אוּנ אִיז צוּרִיק אַ פְרוּמֶער יוּד וֶועט עֶר נָאךְ דַיין אֵיידֶעם זַיין, חַייֶע'לֶע! דוּ וֵוייסְט נָאךְ נִיט וָואס זְכוּת אָבוֹת בֶּעדַייט!....

— וֵוייס אִיךְ! וָואס אִיךְ ווִינְשׁ אִיהם מָאג עֶס מִיר אָנְקוּמֶען, הָאט חַייֶע'לֶע זִיךְ פֶערְאֶנְטְוֶוערְט, אַז עֶר וָואלְט מַיין אֵייגֶען קִינְד גֶעוֶועזֶן, וָואלְט אִיךְ נִיט גֶעזָאגְט דָאס וָועלְכֶּע? זָאל עֶר נוּר פְרוּם אוּנ גוּט וֶוערֶן אוּנ קֵיין טְרַייֶערֶע מוּהמֶען פַאר מִיר הָאט עֶר נִיט; נוּר אִיךְ ווִיל ווִיסֶען צוּ הָאט רָחֶל'ע נָאךְ אַ זֵכֶר פוּן אִיהם צוּ נִיט? אִיךְ מֵיין: זִי ווִיל שׁוֹין גָאר זַיין נָאמֶען נִיט דֶערְמָאנֶען, אַנַאר אִיז זִיא? זִיא וֵוייס גָאר נִיט וָואס אַ גֶעשְׁטוּדִירְטֶער אִיז?

— אִיךְ וֶועל עֶס גֶעוָואהר וֶוערֶן, הָאט עֶר פֶערְשְׁפְּרָאכֶען. — אִין דֶעמְזֶעלְבֶּען אָבֶענְד הָאט עֶר רָחֶל'ען גֶעפְרֶעגְט:

— זָאג מִיר, מַיין טְהַייעֶר קִינְד, דוּ גְלוֹיבְּסְט נָאךְ אִין דֶעם, וָואס דֶער נַארִישֶׁער חַקְרָן משֶׁה'לֶע הָאט זִיךְ אַיינְגֶעשְׁמוּעֶסְט, אַז אַ וָואלְקֶען הָאט נִיט קֵיין מוֹיל אוּנ טְרֶענְקְט זִיךְ אִין יַם נִיט אָן?

— נֵיין פֶּעטֶער, הָאט זִיא גֶעאֶנְטְוֶוערְט. אִיךְ גְלוֹיבּ עֶס שׁוֹין נִיט מֶעהר, מֶען גְלוֹיבְּט נוּר דָאס וָואס מֶען פֶערְשְׁטֶעהט נִיט מִיט אֵייגֶענֶעם שֵׂכֶל, וָואס מֶען קָאן מִיט אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען נִיט זֶעהן; אָבֶער דָאס וָואס דִיא אוֹיגֶען זֶעהֶען, וָואס דֶער שֵׂכֶל בֶּעגְרַייפְט גְלוֹיבְּט מֶען נִיט, נוּר מֶען וֵוייס עֶס. בֶּעדַארְף אִיךְ גְלוֹיבֶּען אַ גְרֶעס וָואס אִיז אִיצְט נַאכְט? קֵיינֶער קָאן עֶס מִיר נִיט אָבְלֵייקֶענֶען! דָאס וָואס משֶׁה'לֶע הָאט מִיר עֶרְקְלֶערְט פוּן וָואלְקֶען אוּנ רֶעגֶען אִיז מִיר אַזוֹי קְלָאר ווִי אִיצְט אִיז נַאכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט, אִיךְ זֶעה עֶס מִיט מַיינֶע אוֹיגֶען, אִיךְ בֶּעגְרַייף עֶס מִיט מַיין שֵׂכֶל, אוּנ וָואצוּ בְּרוֹיךְ אִיךְ נָאךְ גְלוֹיבֶּען?

— פַאר וָואס זֶעהֶען דָאס מַיינֶע אוֹיגֶען נִיט? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט, פַאר וָואס בֶּעגְרַייפְט דָאס מַיין שֵׂכֶל נִיט?

— וַוייל אִיהר ווִילְט עֶס נִיט זֶעהן, פֶּעטֶער, וַוייל אִיהר פוּילְט אַייךְ זִיךְ צוּ צוּקוּקֶען אוּנ צוּ בֶּעגְרַייפֶען, וַוייל אַייךְ אִיז לֵייבּ אוּנ לַייכְט נוּר גְלוֹיבֶּען, אָהנֶע אוּנְטֶערְשִׁיד וָואס פַאר אַ גְלוֹיבֶּען, אַ בִּי גֶעגְלוֹיבְּט!

אוּנ אִין נָאט גְלוֹיבְּסְטוּ? הָאט עֶר מִיט אַ הַאלְבֶּען כַּעס גֶעפְרֶעגְט אוּנ אַ פְרָאבִּי־רֶענְדֶען קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף אִיהר, טָאמֶער אִיז בַּיי דִיר דָאס אוֹיךְ רֶעכְט אַז עֶס אִיז גָאר קֵיין נָאט נִיטָא?

– אין נאטעס נוטס, אין זיין אמת, חסד אונ רחמים גלויב איך, ליעבער פעטער: האט זי זאנפט מיט שטראהלענדע אויגען אויסגערעדט, צו איז דא א גאט אויף דער וועלט? ברויך איך ניט גלויבען, דאס איז מיר אזוי קלאר אונ געוויס. ווי געוויס מיר איז אז עס איז דא א וועלט אונ איך לעב אין איהר! איהם, דעם ליעבען גאט אונזערן זעה איך, פעטער, האטש איך זעה איהם ניט מיט מיינע אויגען, אבער איהם פיהלט אונ זעהט מיין הערץ אין מיר! מיין שכל בעוואונדערט איהם אין זיינע גרויסע מעשים אין דעם קלענסטען שטויב ווי אין די גרויסע וועלטען וואס מיין אויג זעהט!... אהנע איהם איז קיין וועלט ניטא, אהנע איהם זענען מיר קיינער ניטא! דער גרעסטער וואונדער איז מיר: ווי קאן א מענש, וואס לייגענט ניט אז עס איז דא א וועלט, הימעל אונ ערד, שטערן אונ מיליאנען ברואים, וואס לייגענט זיך אליין ניט אפ, אז ער איז דא, אז ער לעבט אונ עקסיסטירט, ווי קאן אזא מענש נאך דעם אין גאט לייגענען?.... גאט איז אלע מאל געוועזען, דען פאר מיר איז אויך דיא וועלט א וועלט געוועזען, גאט איז איצט, ווארום אהנע איהם איז די וועלט אונ לעבען ניט מעגליך, גאט וועט אויך אייביג זיין, דען נאך אונז וועט דיא וועלט נאך א וועלט בלייבען ווי זי איז. – דאס אלץ, פעטער, איז מיר אזוי געוויס, אז קיין געוויסערע זאך איז גאר אין דער וועלט ניטא; נור אין זיין חסד אונ משפט מוז איך גלויבען, גלויבען ווי א פרומע יודישע טאכטער איז צו גלויבען געבאטען, אבער אויך מיט פערשטאנד אונ מיט הבטחה גלויבען. איך בין ניט אזוי קלוג אומעטום אונ אלע מאל דיזען חסד אונ משפט צו בעגרייפען, איך זעה אפט: עס טהוען זיך אין דער וועלט מעשים וואס מיט מיין שכל קאן איך ניט פערשטעהן פאר וואס זיי טהוען זיך אזוי? איך האב למשל: מיין גוטען אונ געטרייען פאטער פערלארן אהן א צייט, איך ווייס ניט דורך וועמענס שולד אונ זינד; איך זעה עהרליכע לייט, זעלבסט יונגע אונשולדיגע קינדער ווערן געפלאגט מיט נויטה, הונגער אונ קאלט, איך זעה אונשולדיגע ווערן איבער א פאלשען חשד געפייניגט אונ פערפאלגט, איך זעה ענדליך דאס ארעמע יודישע פאלק אונ שוין צוויי טויזענד יאהר אז עס האט קיין רוה אונ שנאה אונ נקמה פלאגען אונז אונשולדיג. – ווי צונעהט מיר דאס הארץ לייענדיג די ענוים קשים וואס אונזערע יודישע עלטערן האבען אויסגעליטען פאר זייער האלטען זיך פעסט אן זייער ליעבען גאט, אן זייער ריינער אמונה! – אונ אז איך זעה דאס אלץ, אונ איך טראכט מיט א שווער געמיטה איבער דיזע אלע אונרעכט וואס טהוען זיך אין דער וועלט–בייסט זיך ניט וועלנדיג ארויס די ווערטער פון מיין ברוסט: „גאט, וויא קאנסטו עס צו זעהן אונ שווייגען? גאט, וואו איז דיין חסד, וואו איז דיין משפט?“ דאן ליעבער פעטער, קומט די הייליגע אמונה וויא א מוטער א טרייע צו איהר קינד אונ טראסט מיך אונ בערוהיגט מיין בעקלעמט הערץ. ליעב אונ געלאסען רעדט זיא צו מיר, גלויב מיר, זאגט זי. גאט איז גערעכט אונ זיין משפט איז גערעכט! דער זינדיגער מענש קאן גאטעס חכמה אונ חסד אין אלץ ניט פערשטעהן, עס וועט קומען א צייט. דוא וועסט צו איהם קומען וועלן אלע דיינע שאלות אונ קשיות פערענטווערט ווערן גאר ביז דאגען מאגסטו דעם רייכען אונ קלוגען מייסטער פערטרויען אלץ וואס דוא האסט אונ אלץ וואס דוא ביזט...“ קוק זיך צו, נארישער מענש, זאגט צו מיר דיא

חָכְמָה. קוּק זִיךְ צוּ צוּ דֶער גַאנְצֶע וְויא זִיא שַׁייְנְט אוּנ וַוארֶעמְט אַלֶעס וָואס עֶס לֶעבְּט אוּנ וָואס עֶס וַואקְסְט. זֶעה דָארְט דִיא וָואלְקֶען וֶועלְכֶע בֶּעפֵייכְטֶען טוֹיזֶענְדֶער מֵיילֶען פֶּעלְדֶער אוּנ וֶואלְדֶער, עֶס זָאל בְּרוֹיט אוּנ גְרָאז וַואקְסֶען פַאר מֶענְשֶׁען אוּנ בְּהֵמוֹת. בֶּעטְרַאכְט אוֹיךְ דִי ווִינְדְטֶען וָואס בְּלָאזֶען אָהְנֶע אוֹיפְהֶער דִיא לוּפְט אוּנזֶערֶע אָפְּצוּפְרִישֶׁען, זָאט אוּנ לֶעבֶּען אִין דֶער וֶועלְט צוּ פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען; צוּ וָואס הָאט דֶער מֵייסְטֶער דָאס אַלֶעס אַזוֹי קְלוּג בֶּעשַׁאפֶען? אִיז דֶען מֶעגְלִיךְ, אַז דֶער וָואס הָאט אַזַא אֵייבִּיגֶע גוּטֶע אָרְדְנוּנְג אִין זַיין וֶועלְט גֶעלָאזְט הֶערְשֶׁען זָאל קוּקֶען ווִיא אוּנְשוּלְד וֶוערְט בֶּעפְלֶעקְט, ווִיא שְׁלֶעכְטְס פֶערְדַארְבְּט גוּטְס אוּנ אִיהם זָאל נִיט קִימֶערְן אַ דִין אוּנ אַ מִשְׁפָּט צוּ טְהוּן?... נֵיין, זַיין דִין אוּנ זַיין מִשְׁפָּט זֶענֶען דָא. נוּר מִיר מֶענְשֶׁען הָאבֶּען צוּ וֶועניג שֵׂכֶל. מִיר לֶעבֶּען צוּ וֶועניג יָאהרֶן אוּם דִיזֶען דִין אוּנ דִיזֶען מִשְׁפָּט צוּ זֶעהֶן אוּנ אִיהם צוּ בֶּעגְרֵייפֶען!...“

אַזוֹי לִיעבֶּער פֶּעטֶער, רֶעדְט צוּ מִיר דִי הֵיילִיגֶע אֱמוּנָה צוּזַאמֶען מִיט דֶער חָכְמָה אוּנ אִיךְ לִיעב זִי ווִי אַ קִינְד וָואס לִיעבְּט זַיין טְרֵייֶע קְלוּגֶע מוּטֶער. אִיךְ לֶעג מַיין קְרַאנְקֶען אוּנבֶּערוּהִטֶען קָאפּ אוֹיף אִיהר שׁוֹיס, זִיא דְרִיקְט מִיךְ טְרֵיי צוּ צוּ אִיהר בְּרוּסְט אוּנ זִינְגְט מִיר אִיהרֶע לִיעבֶּע זִיסֶע לִידֶעלֶעךְ, לִידֶעלֶעךְ פוּן יֶענֶער וֶועלְט. וואוּ עֶס אִיז אֵייבִּיג גוּט, וואוּ אוּנְרֶעכְט וֶוערְט שׁוֹין נִיט גֶעטְהוּן.. אָ, דַאן עֶרְשַׁייְנֶען מִיר אַלֶע פַּיין אוּנ לֵיידֶען נוּר אוֹיף אַ וַוייְלֶע, אוֹיף נִיט לַאנְג, בַּאלְד, הָאפֶע אִיךְ בַּאן, וֶועלֶן אַלֶע גֶעהֵיילְט וֶוערֶן, בַּאלְד וֶועט אוֹיךְ מִיר אַלֶעס פֶערְאֶנְטְוָוערְט וֶוערֶן אוּנ מִיר וֶועט שׁוֹין גוּט זַיין! אַךְ, פֶּעטֶער, נִיטָא נָאךְ אַזַא טְרֵייֶע מוּטֶער ווִי דִי מוּטֶער אֱמוּנָה. נָאט הָאט זִי פַאר זַיינֶע מֶענְשְׁלִיכֶע קִינְדֶער בֶּעשַׁאפֶען ווִי אַלֶע גוּטֶע זַאכֶען וָואס עֶר הָאט אִין זַיין וֶועלְט בֶּעשַׁאפֶען!...

רָחֶלֶע הָאט דִי גַאנְצֶע צַייט גֶערֶעדְט מִיט בֶּעגֵייסְטֶערוּנְג, אִיהרֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען פוּן אַ הֵיילִיגֶען אִינֶערְלִיכֶען פַייֶער גֶעשְׁטְרַאהלְט. אִיהר שְׁטִימֶע אִיז טִיף פוּן אִיהר הֶערְצֶען אַרוֹיס אוּנ הָאט גֶעקְלוּנְגֶען רֵיין ווִי זִילְבֶּער; דֶער פֶּעטֶער הָאט זִי פֶערְוואוּנְדֶערְט אָנְגֶעקוּקְט אוּנ אִיהר גֶעלָאזְט רֶעדֶען. אִיהם אִיז אַ פֶערְגְנִיגֶען גֶעוֶועזֶן אַזוֹינְס פוּן אִיהר צוּ הֶערֶן.

— זָאג מִיר מַיין טָאכְטֶער, הָאט עֶר לִיעב אוּנ טְרֵיי גֶעפְרֶעגְט. זֶענֶען דָאס דַיינֶע אֵיינֶענֶע רֵייד, אָדֶער דוּא רֶעדְסְט דָאס נוּר אִיבֶּער וָואס משֶׁהלֶע הָאט דִיר גֶעזָאגְט אָדֶער גֶעשְׁרִיבֶּען?

— אִיךְ לֵייגֶען נִיט, לִיעבֶּער פֶּעטֶער, הָאט זִיא גֶעאֶנְטְוָוערְט. משֶׁהלֶע הָאט דִיזֶע וָוארְטֶער מִיט מִיר גֶערֶעדְט אוּנ אִין זַיינֶע בְּרִיוֶועלֶעךְ שְׁרַייבְּט עֶר זֵיי צוּ מִיר. בְּעֶת דֶער לִיעבֶּער פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט עֶר מִיט דֶער עֶרְקְלֶערוּנְג מִיךְ מֶעהר גֶעטְרֶאסְט ווִי אַלֶע אַנְדֶערֶע; אִיךְ לֵייעֶן אָבֶּער זַיינֶע בְּרִיוֶועלֶעךְ אַזוֹי גֶערְן אוּנ אַזוֹי פִיעל מָאל, בִּיז דִי וֶוארְטֶער זַיינֶע וֶוערֶן מִיר אִין הֶערְצֶען אֵיינְגֶעוַואקְסֶען. בִּיז אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה זֵיי אַזוֹי גוּט אַז אִיךְ פֶערְגֶעס שׁוֹין אַז עֶר הָאט זֵיי צוּ מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען. אוּנ אַז אִיךְ רֶעד זֵיי אִיבֶּער זֶענֶען זֵיי שׁוֹין נִיט זַיינֶע נוּר מַיינֶע אֵייגֶענֶע רֵייד. נוּר וָואס אִיז דֶער אוּנְטֶערְשִׁיד פוּן וֶועמֶען דִי וֶוארְטֶער שְׁטַאמֶען? אַבִּי זֵייא זֶענֶען גוּטֶע אוּנ פְרוּמֶע וֶוארְטֶער. אַבִּי מַיין הֶערְץ פִיהלְט זֵייעֶר נוּצֶען! הָאט נִיט משֶׁה דֶער הֵיילִיגֶער

בִּיא אוּנְזֶערֶער, דִיא תּוֹרָה מִיט זַיין מוֹיל אִין נָאמֶעס נָאמֶען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן. פָּאַר־ גְלֵייעֶנְט? קוּים אָבֶער פֶערְשְׁטֶעהְן מִיר זִיא, וֶוערְט זִיא אוּנְזֶער תּוֹרָה. שְׁרַייבְּט דֶען דֶער טַייטְשׁ חוּמֶשׁ אֲפִילוּ נִיט אַזוֹי?

אַי, מַיין טָאכְטֶער, הָאט דֶער פֶּעטֶער אוֹיסְגֶעקְרָאכְצְט, דָאס אִיז אַ גְרוֹיסֶער, אַ גַאנְץ גְרוֹיסֶער חִלּוּק!... משֶׁה רַבֵּינוּ הָאט דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה מְקַבֵּל גֶעוֶועזְן פוּן גָאט אַלֵיין, אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אוּנ אוּנְזֶערֶע גְרוֹיסֶע חֲכָמִים הָאבֶּען זִיא מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען פוּן אִיהם, אוּנ מִיר, אַז מִיר זֶענֶען זִיא מְקַבֵּל פוּן זֵיי מָאנֶען מִיר זֵיי גְלוֹיבֶּען; מֹשֶׁהלֶע אָבֶער הָאט דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה פֶערְלָאזֶען, נַייע תּוֹרוֹת אוּנ נַייע חָכְמוֹת לֶערְנְט עֶר אִיצְט פוּן בֶּערְלִינֶער סְפָרִים, פוּן יוֹדֶען נִיט קֵיין גְרוֹיסֶע לַייט, דֶערְפַאר אִיז אַ סַכָּנָה אַ גְרוֹיסֶע אִיהם צוּ גְלוֹיבֶּען, ... דְבַשׁ וְחָלָב תַּחַת לְשׁוֹנוֹ, דַאכְט זִיךְ מִילְךְ אוּנ הָאנִיג זֶענֶען זַיינֶע ווֶערְטֶער אָבֶער שְׁפֶּעטֶער עֶרְשְׁט פִיהלְט מֶען אַז זֵיי זֶענֶען נִיפְט, וֶוערְמוּטה, סַם הַמָּוֶת! מֹשֶׁהלֶע זָאגְט: עֶר ווֵייס אַלְץ, שׁוֹטֶה שֶׁבְּעוֹלָם, בְּהֵמָה בְּצוּרַת אָדָם, וָואס ווֵייסְטוּ? אַ וָואלְקֶען אִיז בַּייא דִיר אִין דַיין פוּסְטֶען מוֹחַ! מַיין לִיבֶּע טָאכְטֶער, מַיין טַהַייעֶר קִינְד, גְלוֹיבּ אִיהם נִיט! נִיט לָאז זִיךְ פֶערְפִיהרְן פוּן אִיהם, זַיי פְרוּם אָהְן חֲקִירוֹת, גְלוֹיבּ אִין גָאט אִין זַיין דִין אוּנ מִשְׁפָּט אָהְן קוּנְצְטֶען; וָואס דַארְף אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער מֶעהר ווִיסֶען ווִי אִיהרֶע דְרַיי מִצְוֹת? פָאלְג מִיר אוּנ ווֵייס, אַז מִיר ווֵייסֶען גָאר נִישְׁט, לְהַלּוּטִין גָאר נִישְׁט ווֵייסֶען מִיר! אַבְרָהָם אָבִינוּ אִיז אַ וַדַאי גֶעוֶועזֶען אַ פְרוּמֶער יוּד, הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעזָאגְט: וְאָנֹכִי עָפָר וָאֵפֶר: עֶרְד, אַשׁ אַ בִּיסֶעלֶע זַיינֶען מִיר זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁען, גָאר נִיט זַיינֶען מִיר, קֶענֶעכְט לַעֲבוֹדַת הַבּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא. אִיךְ בִּין עֶלְטֶער פַאר דִיר, קְלִינֶער, אוֹיף נֶאֱמָנוּת קְלִינֶער אוּנ גֶעלֶערְנְטֶער אוֹיךְ פַאר דִיר, אוּנ דֶער קָאפּ הָאט מִיר אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁווִינְדְלֶען פוּן דַיינֶע חֲקִירוֹת, פוּן דַיינֶע רֵייד! אִיךְ הָאבּ מוֹרָא, מַיין קִינְד, דָאס ווֶעט דִיךְ צוּ גוּטְס נִיט פִיהרְן, הַלְוַאי זָאל אִיךְ לִיגֶען זָאגֶען!

בַּיי דִי רֵייד אִיז עֶר צוּ גֶעגַאנְגֶען צוּם שְׁקַאף הָאט זִיךְ אָנְגֶענָאסֶען אַ גְלֶאזֶעל שְׁפִּירִיט, אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען.

— הַלְשׁוֹת אוֹיף נֶאֱמָנוּת, אִיז מִיר אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען הֶארְנְדִיג דַיינֶע רֵייד! הָאט עֶר ווַייטֶער גֶעזָאגְט, פֶע, גְלַייכֶער מְרַאכְט מֶען גָאר נִיט; אֶט, אַזוֹי טְהוּ אִיךְ אַלֶע מָאל ווֶען מִיר ווֶערְט דֶער קָאפּ צוּ מִישְׁט פוּן חֲקִירוֹת, פוּן סְפֵקוֹת — אַ טְרוּנְק בְּרוֹינְפֶען אוּנ נִיט גֶעקְלֶארְט! דוּא מַיין טָאכְטֶער, בִּיזְט דֶערְצוּ נִיט בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארְן. דַארִיבֶּער בַּארְפְסְטוּ אִין אַ לֶעדִיגֶער שָׁעָה לֵייעֶנֶען דֶעם טַייטְשׁ חוּמֶשׁ, זָאגֶען עֶטְלִיכֶע קַאפִּיטְלֶעךְ תְּהִלִּים, דוּא מָאגְסְט נִיט ווִיסֶען אַלֶע כַּוָּנוֹת אוּנ סוֹדוֹת פוּנ'ם תְּהִלִּים אַבִּי דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם פֶערְשְׁטֶעהט אוּנ ווֶעט דִיר פַאר אַ מִצְוָה פַארֶעכֶענֶען; רַחֲמָנָא לִיבָּא בָּעֵי, גָאט בָּרוּךְ נוּר דָאס גוּט הֶערְץ, אַבִּי מֶען דַאוֶוענְט, חָאטְשׁ נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, נִיט אַלֶע לוֹמְדִים'שֶׁע יוּדֶען אֲפִילוּ, פֶערְשְׁטֶעהְן דִי סוֹדוֹת אוּנ כַּוָּנוֹת פוּן תְּהִלִּים אוּנ פוּן דַאוֶונֶען. זָאלְסְטוּ נוּר אַזוֹי פִיעל ווֶעלְן לֵייעֶנֶען, ווִיפִיעל מְהַייעֶרֶע מוּסָר סְפָרִים עֶס זֶענֶען פַאר אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער דָא צוּ לֵייעֶנֶען! נוּר דַארִין אִיז דָאךְ דֶער חִסָּרוֹן: מֹשֶׁהלֶעם בְּרִיוֶולֶעךְ ווֶעסְטוּ לֵייעֶנֶען הוּנְדֶערְט מָאל, אוּנ דֶעם שֵׁבֶט מוּסָר ווֶעסְטוּ אֵיינְמָאל אוֹיךְ נִיט ווֶעלְן דוּרְךְ לֵייעֶנֶען. ווֵייסְטוּ פַאר וָואס? ווַייל דֶעם שֵׁבֶט מוּסָר הָאט גֶעמַאכְט אַ יוּד אַ צַדִּיק אוּנ עֶס טוּג אַ אוֹיפְגֶעקְלֶערְטֶער מַאמְזֶעלְנִטֶע אַ יוּד

א צדיק! אַ געשטודירטער איז היינט אַ לייט, אַז דער געשטודירטער איז מעהר קיין יוד ניט. דאס איז ניט דיין דאגה, פאלג זשע מיר, מיין ליעב קינד, וואַרף אַוועק אַלע קלערעכצען און חקירות, נעהם זיך צו משה רבינו'ס חומש'ל, און פערגעס אן דעם שוטה'ס בריוועלעך!

— אָבער, פעטער ליעבער, האט דאס מאדעל אויסגערעדט טיף בעטריבט, אין זיינע בריוועלעך הייסט אויך משה'לע: נור משה רבינו'ס חומש'ל און דוד המלך'ס תהלים'ל אין האנד האלטען, ווי קאנט איהר זאגען, אַז זיינע בריוועלעך זענען סם המות? זאגט ער דען אַנדערש אַלס איהר?

— גאר נישט! גלאט אַזוי! האט דער פעטער געאנטווערט. איך האב פיינט חקירות, זיי פרום גלאט אַזוי, זאג איך דיר, וועל איך דיך ליעב האבען, וועסטו מיין טהייערע טאכטער זיין, פון חקירות וועט קיין נוטס ניט אַרויס!....

נאך אַ לאַנגע צייט האט זיך רחל'עס בעוועגט הערץ ניט געקאנט בערוהיגען, זי האט נאך מיט דעם פעטער געוואלט רעדען, איהם ערקלערן און אויפווייזען וויא גערעכט זי איז, ווי פארנארט מען איז אַז מען האט מורא טאמער זענען דאס זינדיגע חקירות, אָבער ר' שלמה איז שוין לאַנג אין זיין היים געוועזן און זי איז דא מיט איהרע געדאנקען אַליין געבליבען. ניטא פאר וועמען און מיט וועמען צו רעדען ד האט זי מיט אַנגסט פאר זיך אויסגערעדט, מיין מוטער וויל גאר ניט הערן, פאר איהר קאן איך זיך ניט אויסרעדען זעלבסט ווען זיא זאל וועלן; מיינע ליבע בריד'ערלעך וואס הערן מיך גערן צו — זענען נאך צו יונג, דער איינציגער קלוגער געטרייער פעטער, וואס וואלט יא פערשטעהן און קאנען מיך גליקליך מאַכען, מיט מיר פרייד און לייד טהיילען — וויל קיין געדאַנק און קיין תרוץ, טיפער ווי אין זיין חסידיש גלאזעל משקה ניט זוכען ... דארט ביי אַ דעק גלאזעל געפינט ער אַ תרוץ אויף אַלץ. און מיין ליעבער פאטער, אַך, ער ליגט שוין אין דער ערד ... נור דו משה'לע, ביזט נאך מיט מיר, נור דו פערשטעהסט מיך און נור איך פערשטעה דיך, ליעבער פריינד! צו דיר ציהט מיין הערץ, ניטא קיין ווייטקייט צווישען אונז. צו דיר לויף איך זיך ערקוויקען ווען מיר ווערט אין מיין איינענער שטוב ענג, צו דיר קום איך זיך אויסרעדען ווען איך פיהל מיך עלענד און פרעמד צווישען איינענע! ...אָ, ווי גוט איז גאט וואס האט מיר דיך, מיין פריינד, צוגעשיקט, ווען אַלעס אַלעס איז פון מיר אָבגענומען געוואָרען מיט דעם ליעבען פאטערס טוידט!"

מיט די ווערטער האט זי פון איהר שרייב טישל אַרויסגענומען משה'לעס לעצט בריוועלע און האט געלייענט:

"מיין ליעבע זיסע רחל'ע!"

"מיין שאנער גוטער מלאך" דאַרף איך זאגען, דען ווי אַ מלאך שאן און גוט זעה איך דיך אין דיינע ריינע שאנע געדאנקען פון דיינע בריוועלעך. אָבער איך זאג עס דיר ניט, ווייל ווי איך פערשטעה דיא בעדייטונג פון דעם ווארט: "מלאך" — איז דער נאמען צו ווייניג דיר אויסצודריקען ווי מיין הערץ פערעהרט און ליבט דיך! א מלאך איז נור אַזא מין ווארט וואס בעדייטעט נאטס געוויסען רצון ער זאל געשעהן ווערן, ער איז ניט וואס מיר קאנען אונז פארשטעלן אין אַ בעשעפעניש וואס לעבט, דאס

פִיהלְט. וָואס מְהוּט וָואס אִיהם גֶעפֶּאלְט. עֶר אִיז אָהן אַבְּרִירָה אַנְדֶערְשׁ צוּ זַיין אַלְס עֶר אִיז; מִיר לִיעבֶּען אוּנ פֶערְעֶהרְן אִיהם אִין זַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, וַוייל עֶר אִיז גָאטֶעס אוּנְבֶּעדִינְגְטֶער רָצוֹן וֶועלְכֶען מִיר עֶהרְן אוּנ לִיעבֶּען וִוי גָאט דֶעם גוּטֶען זֶעלְבְּסְט. דֶער מֶענְשׁ אָבֶּער, וִוי קְלֵיין אוּנ נִידְרִיג עֶר אִיז אוֹיךְ, וִויא וֶועניג זַיין צַייט אוּנ מַאכְט זֶענֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט — שְׁטֶעהט עֶר דֶענְנָאךְ הֶעכֶער אוּנ אִיז גֶעלִיבְּטֶער פוּן דִיעבֶּען גָאט אַלְס דֶער הֶעכְסְטֶער מַלְאָךְ. אִיהם, דֶעם מֶענְשֶׁען, אוּנְז, הֵייסְט עֶס, זִיסֶע רָחֶלֶע, הָאט גָאט מֶעהר בֶּעשָׁאנְקֶען אַלְס זַיינֶע מַלְאָכִים, אוּנְז הָאט עֶר אַ פְרַייֶען גֵייסְט אוּנ ווילֶען גֶעגֶעבֶּען פְרַיי צוּ זַיין אוּנ פְרַיי צוּ טְהוּן וָואס אוּנְז גֶעפֶאלְט. מִיר קָאנֶען גוּט זַיין אוּנ מִיר קָאנֶען שְׁלֶעכְט זַיין; יָא, מִיר קָאנֶען זַיין וִויא מִיר ווילֶען נִיט אַזוֹי וִויא מִיר זֶענֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארְן. דַארִיבֶּער, רָחֶלֶע, אִיז דֶער גוּטֶער פְרוּמֶער אוּנ גֶעזִיטֶעבֶּער מֶענְשׁ הֶעכֶער פוּן אַ מַלְאָךְ, אוּנ דֶער שְׁלֶעכְטֶער פֶערְדָארְבֶּענֶער — עֶרְגֶער אַלְס אַ שֵׁד! אוּנ טַאקִי דַארִיבֶּער, רוּפֶע דִיךְ נוּר, מַיין לִיעבֶּע זִיסֶע רָחֶלֶע! ...' פְרֶאג נִיט, וָואס דַארְף אִיךְ דִיר אַ טוֹיזֶענְדֶען מָאל עֶרְצֶאהלֶן וִוי לִיעבּ, וִוי הֵיילִיג דוּא בִּיזְט מִיר? וָואצוּ אִיבְּרִיגֶע צַייט, מִיה אוּנ פַּאפִּיער פֶערְבְּרֶענְגֶען אוֹיף פוּסְטֶע וֶוערְטֶער? דָאס קָאן נוּר יֶענֶער פְרֶאגֶען וָואס זַיין הֶערְץ אִיז וִוי דֶער אֵייבִּינֶער אַייז פוּן דֶער שְׁטְרַאהלֶענְדֶער זָאנְנֶע נִיט בֶּעלַייכְטֶעט אוּנ נִיט עֶרְוַוארֶעמְט גֶעוָוארְן, דֶער וָואס לִיעבְּט אַזוֹי גְלִיקְלִיךְ אַזַא שֶׁאנֶעם לִיעבֶּען אִידֶעאַל וִוי אִיךְ. וַוייס אַז דִיזֶע וֶוערְטֶער הָאבֶּען אֵיין גֶאטְלִיכֶען כֹּחַ אִין זִיךְ — אַלֶע לֵיידֶען, בֶּאנְגֶען אוּנ עֶנְטְבֶּעהרְן צוּ דוּלְדֶען אוּנ זֶעלְבְּסְט אִין עֶלֶענְד גְלִיקְלִיךְ צוּ זַיין! וִוי פִינְסְטֶער אוּנ קַאלְט וָואלְט דִי וֶועלְט אָהן אַ זָאנְנֶע אִין הִימֶעל זַיין! גָאט הָאט דָאס גְרוֹיסֶע לִיכְט אִין הִימֶעל אוּנ דִי הֵיילִיגֶע לִיעבֶּע אִין מֶענְשֶׁענְס הֶערְצֶען בֶּעשַׁאפֶען! וִוי דִי זָאנְנֶע אִין דֶער גַאנְצֶער נַאטוּר אַזוֹי שְׁפִּיעלְט דִי לִיעבֶּע דִי גְרֶאסְטֶע רָאלֶע אִין מֶענְשֶׁענְס לֶעבֶּען. דַארִיבֶּער רָחֶלֶע רֶעדֶען דִי רָאמַאנֶען פוּן לִיעבֶּע. דֶער רָאמַאן אִיז אַ בֶּעשְׁרַייבּוּנְג פוּן מֶענְשְׁלִיכֶען לֶעבֶּען אוּנ צוּם לֶעבֶּען אוּנ שְׁטְרֶעבֶּען אִיז דִי לִיעבֶּע דִי עֶרְשְׁטֶע פֶעדֶער וָואס בֶּעוֶועגְט דִי אַלֶע אִיבְּרִיגֶע רֶאדֶער פוּן דֶעם לֶעבֶּענְס מֶעכַאנִיזְם.. דַארִיבֶּער רָחֶלֶע גֶעפִינְסְטוּ לִיעבֶּע זֶעלְבְּסְט אִין יֶענֶע עֶרֶענְסְטֶע בֶּעלֶעהְרֶענְדֶע רָאמַאנֶען וֶועלְכֶע אִיךְ רַאטְה דִיר צוּ לֶעזֶען. דָאס לֶעבֶּען קָאן אָהן זַיין הוֹיפְּט אוּרְזַאכֶע נִיט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערְן... אִיךְ מוּז פוּן מַיין לִיעבֶּע רֶעדֶען אוּנ מַיין לִיעבֶּע זִיסֶע רָחֶלֶע' דִיךְ רוּפֶען... פֶערְצַייהֶע מַיין נוּטֶע, וָואס אִיךְ שְׁרַייבּ דִיר הַיינְט נִיט מֶעהר וִוי דָאס — נֶעהם עֶס נִיט אָן פַאר אַ בְּרִיף, נוּר פַאר אַ גְלִיקְלִיכֶע עֶרְהָאלוּנְגְס שְׁטוּנְדֶע נָאךְ אַ גַאנְצֶען טָאגִיגֶער אַרְבֵּייט — אִיךְ אַרְבֵּייט פִיעל אוּנ מוּז מִיר דִיזֶע עֶרְקְוִויקֶענְדֶע עֶרְהָאלוּנְג פֶערְגִינֶען. זַיי מִיר גֶעזוּנְד, עֶס גֶערִיסְט דִיךְ אוּנ קוּשְׁט דִיךְ מִיט אַלֶער לִיעבֶּע דַיין מֹשֶׁהלֶע.



ענדע פון דעם צוויטען טהייל

# אֶבֶן נֶגֶף

אדער

# אַ-שְׁטֵיין אִין וֶועג

וחיה למקדש ולאבן נגף
ולצור מכשול לשני בתי ישראל
(ישעיה ח׳ יד)

ראמאן אין 4 טהייל

פון

## יעקב דינעזאהן

דריטע און פירטע טהייל



ווארשא
פערלאג פון י. לידסקי בוכהענדלער
ווארשא נאלעווקי № 32
תרס״ג



## ЭВЕНЪ НЕГЕФЪ

т. е. КАМЕНЬ СПОТКНОВЕНІЯ. РОМАНЪ

соч. ЯКОВА ДИНЕЗОНА

Въ Тип. А. Гиинка, Варшава, Гусья № 20.

ВАРШАВА 1902.

# חלק ג

## א.

דער ווינטער איז אַריבער, שניי און אייז זענען צוגאַנגען און צורונען געוואָרן, ליכטינגער האָט די זאַנגע אָנגעהויבען אַראָפּצוקוקען אויף קליינינצער איינוואָהנער. וועלכע האָבען שוין לאַנג געהאַרט און געוואַרט אויף איהר ווי אויף משיחן. איהרע וואַרימע שטראַהלען האָבען אָנגעוואַרמט אַביסעל דאָס פערקיהלטע בלוט פון קליינינצער יודען און מען האָט לעבעדיגע מענשען אָנגעהויבען זעהן, ניט פערוויקעלטע, פערפראָרענע נשמות אָהן בלוט אָהן לעבען, וויא אין שטרוי איינגעוויקעלטע בוימער — אָהן בלעטער און אָהן זאַפט. שימעלע מלמד'ס ווייב דאַנקט שוין אויך גאָט פאַר די וואַרימע טעג: זיא דאַרף שוין ניט ברעכען איהר אָרעמען קאָפּ וואו גענומט מען אויף אַ וועגעל האָלץ די פערפראָרענע נשמה'לעך פון איהרע קליינע קינדערלעך צו דערוואַרימען? ביי - נאַכט איז נאָך אַפילו קאַלטליך אַביסעל צו שלאָפען אין איהר ניט געהייצטען חדר, אָבער זי דעקט זיי איין מיט איהר שבת'דיגען מלבוש זי וואַרעמט אָן זייערע פיסעלעך מיט איהרע מאָגערע אויסגעטריקענטע האַנדט, ביז זיי ווערן ענטשלאָפען און אַז זיי שלאָפען פיהלען זיי ניט אַז עס איז קאַלט און ווייגען ניט און שרייען ניט, און זייערע צאַנדעלעך טרעסלען זיך ניט אין מויל, וויא עס פלעגט זעהר אָפט טרעפען אין די טרויעריגע קאַלטע ווינטער טעג. איצט אַז זיי שטעהען אויף שיקט זי זיי אויפ'ן גאַס אַרויס זיי זאָלען זיך אָנוואַרימען געגען דער ליכטיגער וואַרימער זונן, און קיינער בעט ניט דערפאַר אַיין קאָפּעקע געצאַהלט... און זי דאַנקט דעם רבונו של עולם פאַר זיין חסד, פאַר זיינע וואַרעמקייט און פאַר דעם וואָס ער האָט איהר צער צוגעזעהן און האָט די וועלט לכתחילה אַזוי בעשאַפען, אַז דער אָרעמאַן זאָל אויך אַ שטיקעל תקומה האָבען און געניסען די וואַרעמקייט פון צין ליכטיגער זונן נאָר אָהן קאָפּדרעהעניש.

אויך שימעלע האָט זיינע אויגען געעפענט, גרויסע לאַנגע טאָג און ער דאַרף שוין ניט קנעלען ביז האַלבע נאַכט, ניט בלענדען זיינע דונקעלע אויגען געביך פאַר א צווייי גראָשענעם ליכטעל וואָס די תלמידים זיינע פלעגען אַ גאַנץ ווינטער ברענגען אין חדר אַריין. אָבער נאָך מעהר צופרידען איז ער געוועזען מיט דעם ראש חודש ניסן וועלכער איז פון אייביג אָן אַ מאַניפעסט פאַר דעם רבי'ן אַזוי ווי פאַר זיינע תלמידים · נאָך האַלבען טאָג איז ער פראַנק און פריי, מאָג געהן זיך אין בית המדרש צריין, דאָרט דאַוונען מנחה מיט'ן מנין, דאָרט זיטצען נאָך מעריב וויפיעל דאָס האַרץ געלוסט. און אין בית המדרש איז אַזוי גוט. אַזוי אַנגענעהם ווי אין גן עדן!...דאַ

זט.

דערצֶאהלְט מֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ בְּחַדְרֵי מְלָכִים, דָא וָוערְט גֶערֶעדְט אוּנ וֶועט גֶערֶעשֶׁעט דִי גְרוֹיסֶע מִלְחָמוֹת פוּן פָּרַס אוּנ מָדַי, פוּן דֶעם תּוֹגָר, וָואס טוּט תַּאפֶּע אַ קְלַאפּ פוּן דֶעם מַלְכוּת פוּן רוֹמָא בִּיז עֶס וֶועט זִיךְ אָנְהֵייבֶּען דִי גְרוֹיסֶע מִלְחָמוֹת פוּן גּוֹג וּמָגוֹג אוּנ מָשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען אוּנ עֶס וֶועט וֶוערן אַ וֶועלְט אוֹיף דֶער וֶועלְט! דָא אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, וֶוערְט אוֹיךְ צְווִישֶׁען עֶלְטֶערֶע חֲסִידִים עֶרְצֶאהלְט אוּנ גֶעשְׁמוּעֶסְט פוּן הָאכֶערֶע עִנְיָנִים: פוּן דֶעם שַׂר שֶׁל עֵשָׂו אוּנ פוּן דֶעם שַׂר שֶׁל יִשְׂרָאֵל, פוּן דֶעם שַׂר שֶׁל יָם אוּנ פוּן דֶעם שַׂר שֶׁל שֶׁלֶג וִוי זֵיי זֶענֶען, בַּיי אִיהם זָאל לֶעבֶּען אִין הַאנְדְט, אוּנ אַז עֶר זָאל לֶעבֶּען זָאל נוּר הַשֵּׁם הָאבֶּען קָאן עֶר דוּרְךְ זֵיי מַאכֶען וָואס עֶר וִויל. נוּר עֶר זָאל לֶעבֶּען טְהוּט נוּר וָואס עֶר פֶערְשְׁטֶעהט אוּנ מֶען טָאהר קֵיין קֻשְׁיוֹת נִיט פְרֶעגֶען: פַאר וָואס זֶענֶען נָאךְ יוּדֶען אִין גָלוּת אוּנ עֶר וִויל נָאךְ נִיט אַז מָשִׁיחַ זָאל שׁוֹין קוּמֶען. דִיזֶע אַלֶע גֶעשִׁיכְטֶען הָאטְשׁ מֶען הָאט שׁוֹין זֵייא הוּנְדֶערְטֶען מָאל גֶעהֶערְט, פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען דֶערְצֶאהלְט מֶען זֵיי אוּנ מֶען הֶערְט זֵיי מִיט דֶער אֵיינֶעגֶער פְרִישְׁקַייט ווִיי צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל; אִין דֶעם זֶענֶען דִי חֲסִידִים וִוי דִי קְלֵיינֶע קִינְדֶער. קִינְדֶער לִיעבֶּען אוֹיךְ צוּ הֶערן פוּן דָאס נַיי דִי אַלְטֶע מַעֲשֶׂה'לֶעךְ וֶועלְכֶע זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין הוּנְדֶערְטֶען מָאל פוּן זֵייעֶר נַיאנְקֶע דֶערְצֶאהלֶנְדִיג גֶעהֶערְט.

נוּר נָאךְ מֶעהר הֲנָאָה וִויא פוּן דִי פָּאלִיטִיקֶעס מִיט דִיא סִפּוּרֵי מַעֲשִׂיּוֹת הָאט ר' שִׁימֶעלֶע אִיצְט דָא אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ פוּן דֶעם בִּיסֶעל מַשְׁקֶה מִיט אֵייעֶר קִיכְלֶעךְ אוּנ אַ מָאל קֶאז אוּנ אֵייעֶר צוּם פֶערְבַּייסֶען, וָואס דָא אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ מַאכְט זִיךְ אִיצְט כִּמְעַט יֶעדֶען טָאג.

זוּנְטִיג אִיז גֶעקוּמֶען שְׁמוּאֵל בָּאלַאווִיצֶער אוּנ הָאט גֶעבְּרַאכְט זַיין פֶּסַח'דִיג שְׁמַאלְץ צוּ פֶערְקוֹיפֶען דָא אִין קְלֵיינִיץ, דֶער רַב הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ כְּתַב הַהֶכְשֵׁר אוּנ גֶעחַאפְּט בַּיי אִיהם דְרַיי קֶערְבְּלִיךְ, יָאסֶעל דֶער סוֹפֵר הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען כְּתִיבָה'ס צֶעטְלֶעךְ אוּנ אוֹיךְ גֶעחַאפְּט אַ הַאלְבּ קֶערְבֶּעל, אַז עֶר אִיז צוּ מַעֲרִיב גֶעקוּמֶען דַאוְונֶען אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, הָאט עֶר אַ צֶעטֶעל צוּגֶעקְלֶעבְּט צוּם סְטָאלְב פוּן דֶער בִּימָה אוּנ דֶערְפַאר גֶעשְׁטֶעלְט אַ שְׁטָאף שְׁפִּירִיט אוּנ הָאט גֶעגֶעבֶּען פֶערְבַּייסֶען טַאקִי דִיא גְרִיבֶּען פוּן דֶעם אֵיינֶענֶעם שְׁמַאלְץ, דִי מַשְׁקֶה הָאט שִׁימֶעלֶען מַחַיֶּה גֶעוֶועזְן, אוּנ אוֹיף דִי גְרִיבֶּען הָאט עֶר גֶעזָאגְט: הַפְלֵא וָפֶלֶא!

מָאנְטָאג אִיז גֶעקוּמֶען ר' בֶּערִ'ל דֶער מִילְנֶער אוּנ הָאט בֶּעוִויזֶען שְׁוַוארְץ אוֹיף ווַייס, אַז עֶר זָאל לֶעבֶּען הָאט בַּיי אִיהם גֶענוּמֶען אַ זֶעקֶעל שְׁמוּרָה אוּנ הָאט דֶערְוַוייל גֶעמַאכְט אַ קְלֵיין וֶועטְשֶׁערִינְקָא פַאר חֲסִידִים, מַרְבֶּה רֵעִים צוּ זַיין וָואס זָאלֶען הַאלְטֶען דִין זַייט אוּנ צוּרֶעדֶען קוֹיפֶען קֶמַח פֶּסַח בַּיי אִיהם אוּנ נִיט בַּיי גוֹאלְף חַיִּים'ס, וָואס [illegible]קוֹיפְט, אֱמֶת, מִיט אַ גִילְדֶען וָואלְוֶועלֶער אוֹיפֶן פוּד, אָבֶער דֶערְפַאר נִיט אַזוֹי בְּהֶכְשֵׁר וִוי זַיינֶע. ר' בֶּערִ'ל הָאט שִׁמְעוֹנ'ן צוּ גֶעזָאגְט גֶעבֶּען מֶעהל אוֹיף מַצָּה עֶר זָאל זַיין מֶעהל פֶּערְלוֹיבֶּען בַּיי זַיינֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים חֲשׁוּבִים אוּנ דֶערְצֶאהלֶען, אַז עֶר זָאל לֶעבֶּען הָאט בַּיי אִיהם אוֹיךְ גֶענוּמֶען מֶעהל אוֹיף מַצָּה אוּנ אוֹיף שְׁמוּרָה, ר' שִׁימֶעלֶע אִיז אוֹיף מָארְגֶען דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶאדְטֶעל אַרוּמְגֶעלָאפֶען אוּנ הָאט ר' בֶּערְל'ס מֶעהל גֶעלוֹיבְּט גָאר הַפְלָא'דִיג, ר' בֶּערִ'ל הָאט זַיינֶע מֶעהל פֶּערְקוֹיפְט אוּנ שִׁימֶעלֶע הָאט [illegible]אט מֶעהל אוֹיף מַצָּה, גַאנְצֶע צְוַויי פוּד אָהן קָאפְּדְרֶעהֶענִישׁ.

אַזוֹי הָאט שִׁמְעוֹן נָתָן גֶעקְלִיבֶּען פוּן דֶעם רֹאשׁ חֹדֶשׁ נִיסָן אוּנ אִיז גֶעשְׁרִיבּען גֶעוֶועזֶען; נוּר אִיצְט אִיז נוּר דְרַייא טָאג צוּ יוֹם טוֹב, אוֹיף לְהַבְּעִים. אִיז הַיינְט צוּ מַעֲרִיב קַיין מַשְׁקֶה גֶעוֶועזֶען. דָאס וַוייבּ זַיינְס, הָאט אִיהם נָאךְ פַאר מִנְחָה דֶערְמָאנְט. אַז מִיט מַצָּה אַלֵיין קָאן זִי נָאךְ דֶעם יוֹם טוֹב אִין שְׁטוּבּ נִיט אַריינְבְּרֶענְגֶען. וָואס טְהוּט מֶען, ווִי נֶעהְט מֶען אַהֵיים? ...עֶר הָאט זִיךְ גֶעאֶפֶענְט דֶעם רַבְּ'ס שׁוּלְחָן עָרוּךְ". אַריינְגֶעקוּקְט אִין דִי דִינִים פוּן הִלְכוֹת פֶּסַח, נוּר דִי וֶוערְטֶער זֶענֶען אִיהם אִין קָאפּ נִיט גֶעקְרָאכֶען. גֶעוַואלְד" הָאט עֶר גֶעקְלֶערְט, וואוּ נֶעהְמְט מֶען נָאךְ אַ דְרַייא פִיעֶר קָארְבֶּען? עֶפִּים הָאט זִי מִיר הַיינְט אָנְגֶערֶעכֶענְט אַ צֶעטֶעל. בְּנֶאֱמָנוּת אוֹיף אַ קָארְבֶּען דְרַייא, אוּנ אִיךְ? חָאטְשׁ דֶערְהַרְגֶע מִיךְ. אַ קָאפֶּעקֶע אֲפִילוּ בַּיי מַיין נְשָׁמָה הָאבּ אִיךְ נִיט אוּנ הָאבּ טַאקִי מַמָּשׁ גָאר נִיט וואוּ צוּ גֶעהְמֶען! הַיינְט לִינְט זִיךְ נָאךְ מַיין בֶּגֶד עֶלְיוֹן בַּיי לֵייבְּקֶע דֶעם מַלְוֶה. יִמַּח שְׁמוֹ. פַאר יַשְׁבֶעט אִין אַ רֹבַע וָחֵצִי. לֶעבֶּען זָאל עֶר אַזוֹי ווִי עֶר וֶועט מִיר אִיהם וֶועלְן גֶעטְרוֹיעֶן בִּיז אִיבֶּער פֶּסַח. בִּיטֶער אוֹיף גֶאֱמָנוּת. צוּ זַיין אַ קַבְּצָן! בִּיטֶער זָאג אִיךְ, הַא? וַוארְט אָקָארְסט, מֶען טָאהר נִיט זִינְדִיגֶען, מֶען מוּז זִיךְ פֶערְלָאזֶען אוֹיף דֶעם הַזָּן אֶת הָעוֹלָם בְּחֶסֶד, אוֹיף דֶעם בּוֹרֵא יָחִיד וָואס שְׁפֵּייזְט דִי וֶועלְט מִיט חֶסֶד, אוּנ בֶּאֱמֶת, פַאר וָואס זִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען אוֹיף אִיהם? אוֹיף מַצָּה הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט אַ אָנְהֵייבּ? הָאט עֶר דָאךְ צוּגֶעשִׁיקְט וֶועט עֶר מִסְתָּמָא וַוייטֶער צוּשִׁיקֶען אוֹיס צוּפִירֶען דֶעם פֶּסַח וָואס עֶר הָאט יוֹדֶען גֶעבָּאטֶען. אַי וָואס? מַיין פְּלוֹנִית שְׁרַייט: פוּן מָארְגֶען בְּסַךְ הַכֹּל נוּר צְוַוייא טָאג צוּ יוֹם טוֹב אוּנ אִיךְ הָאבּ נָאךְ אַ קָאפֶּעקֶע נִיט! לָאז זִיא שְׁרַייעֶן. אַ נַאר בִּין אִיךְ וָואס אִיךְ הֶער מִיךְ גָאר צוּ. אָט זִיצְט אִיךְ אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ, טָאמִיר וֶועט זִיךְ דָא עֶפִּים מַאכֶען, אַז נִיט וֶועל אִיךְ אַריינְגֶעהְן צוּ חַייעֶלֶען, דָארְט הַאפֶּען אַ גְלֶאזֶעל טְהֵיי, אוּנ אַז רָחֶלֶע וֶועט זַיין, וֶועט זִיא מִיר נִיט זְשַׁאלִיוֶוען אַ טְרוּנְק בְּרוֹינְפֶען אוֹיךְ; אוּנ פַאר וָואס טַאקִי חַייעֶ'לֶען נִיט גֶעבֶּען אָנְצוּהֶערְנְס. אַז מִיר פֶעהְלְט נָאךְ אוֹיף יוֹם טוֹב דָאס אוּנ יֶענְס? זִיא וֶועט פֶערְשְׁטֶעהְן מַיין כַּוָּנָה אוּנ וֶועט אֶפְשָׁר מִיר לַייהֶען אַ פָּאר קֶערְבְּלֶעךְ. עֶר עָלָיו הַשָּׁלוֹם, וָואלְט אַ וָוארְט נִיט אִיבֶּערְגֶערֶעדְט. נוּר זִיא אִיז נִיט עֶר. אִיךְ וֶועל אִיהר וַוייזֶען דָאס בְּרִיוֶועלֶע וָואס ר' פִּנְחָס'ל דֶעם רֶבִּינְס שְׁרַייבְּט מִיר אִיךְ זָאל זוּכֶען פַאר אִיהם אַ שִׁידוּךְ, אֶפְשָׁר וֶועט גָאט מִיר צוּשִׁיקֶען אוּנ אִיךְ וֶועל הַאפֶּען עֶטְלִיכֶע קָארְבֶּען שַׁדְכָנוּת וֶועל אִיךְ אִיהר אַוֶועג גֶעבֶּען. אוֹיף נֶאֱמָנוּת אַוֶועג גֶעבֶּען! פָּשׁוּט, עֶס זָאל צוּ נִיצְץ קוּמֶען פוּן נָאךְ אַמָאל וֶוענֶען. וואוּ גֶעפִינְט מֶען אָבֶּער פַאר אִיהם אַ אִשָּׁה חֲשׁוּבָה וָואס זָאל בֶּאֱמֶת רְאוּיָה זַיין צוּ זַיין ר' פִּנְחָס'לס וַוייבּ? אוּנ טָאמִיר וָואלְט אִיךְ פְּרוּבֶּען אַ רֶעד טְהוּן מִיט חַייעֶלֶען? הַא? אַ טַאפּ אִין וָואנֶען מַאכְט גָאר נִיט קַאלֶיע. אִיךְ וֶועל אִיהר זָאגֶען, אַז אִיךְ רֶעד זִיא מִיט ר' פִּנְחָס'לֶען. אַי וָואס? ר' פִּנְחָס'ל וֶועט נִיט וֶועלְן? נָאךְ אַמָאל, ר' פִּנְחָס'ל וֶועט נִיט וֶועלְן? הָאט עֶר אַ בְּרֵירָה נִיט צוּ וֶועלְן, זָאל עֶר נִיט וֶועלְן אַ בִּי חַייעֶלֶע וֶועט וֶועלְן אוּנ וֶועלְן וֶועט זִי דָאךְ בְּוַדַּאי, וָוארוּם וואוּ וֶועט זִיא גֶעהְמֶען אַ גְרָאסֶערְן לַייט פַאר ר' פִּנְחָס'לֶען אוּנ דֶערְצוּ אַ בַּעַל מְטוּפָּל מִיט אַ אֵיינְגֶענֶער אוּמֶענִיֶע אוּנ מִיט שָׁאנֶע עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְד קֶערְבְּלֶעךְ. וִויא לַייט זָאגֶען? וֶועט זִיא זִיךְ טַאקִי אָנְחַאפֶּען, וֶועט זִי מִיר שׁוֹין לַייהֶען עֶטְלִיכֶע קָארְבֶּען, גְּמְצָא, וֶוערְט גֶעפוּנֶען: וֶועל אִיךְ שׁוֹין הָאבֶּען מַיין פֶּסַח אוֹיסְצוּפִירֶען, הַיינְט וָואס דַּאֲגָה אִיךְ? זָאל בַּאֲנָהְן יֶענֶער וָואס הָאט

ניט קיין בטחון אין דעם הזן את העולם, זאל דאגהן א פערד וואס האט אגרויסע קאפ אונ אין דעם קאפ אבנעקעל מוח ניט, אבער איך שמעון, וואס איך האב אויף מיינע פלייצעס א קאפ דוקא א קליינעם, אבער א מוח אין איהם א גרויסען דארף איך נור א קנייץ טהון דיא שטערן אונ עס ווערט א קערבעל, אונ אז עס איז דא א קערבעל וועט שוין ווערן א מאסטעל קארטאפלעס, א ביסעל בוריקעס, א נייע פסח־דיגע כלי אויף וואסער אונ וויין אויף כוסות; א כלל, עס וועט שוין ווערן פסח וויא עס איז. אונ טאקי פאר וואס ניט א שמועס טהון וועגען א חתן פאר רחל׳ען? א שיין מאדעל איז זי, וואויל געלערנט אונ קלוג אויך, געלד אויף נדן האט איהר טאטע עליו השלום איהר מסתמא גענוג געלאזען, הלואי האב איך א צענט חלק וואלט איך שוין ניט דאגה׳ן מיט מיינע ביידע בנות, איך וואלט זיי ביידען אין איין יאהר פטר׳ן. בודאי, מען מוז א זוך טהון, אז מען זוכט געפינט מען. נמצא: וועל איך זאגען: איך גיב זיי ביידען חתנים, אותה ואת בתה, חייע׳לען אונ רחל׳ען, חאטש עס הייבט זיך נאר ניט אן, אבער עס וועט מיר שוין זיין א שטיקעל ישועה אויסצופיהרען דעם פסח גאר קונצטיק!

ביי אזעלכע געדאנקען האט ער פערמאכט דעם שולחן ערוך, אונ מען קאן ניט זאגען אז ער האט די הלכות פסח ניט גוט אויסגעלערנט.

אנגעלאדען מיט דער האפנונג אונ אנגעוואפענט מיט זיינע פלאנער איז ער פון בית המדרש גלייך צו חייע׳לען אוועק.

חייע׳לע איז זיך געזעסען גאנץ געמיטהליך ביי׳ם טיש אין גרויסען עסענציממער, וואו רחל׳ע האט איצט פון סאמאוואר טהיי אנגעגאסען. אין שטוב איז אפילו א ביסעל אונארדנונג געוועזן ווי ערב פסח, אבער דאס האט זיך ניט אנגעזעהן אויף דער ווירטהין וועלכע איז איצט רוהיג געזעסען. אנשטאט איהרע בריליאנטענע אויהרינגלעך אונ אנדערע ציערונג וואס זי פלעגט שטאנדיג טראגען בעת איהר מאן האט געלעבט — האט זיא איצט אויך געהאט אויף זיך גענוג אזעלכע פוטץ זאכען וואס האבען ניט שטארק עדות געזאגט אז די וואס טראגט זיי געפינט זיך אין א שווערן טרויער נאך איהר מאן וועלכען זי האט געליעבט אונ ניט לאנג פערלארן; איהר פרעהליך פנים, איהר אונבעזארגטעס לאכען, בעת זי האט דא ביי׳ם טיש מיט איהרע קליינע קינדער זיך אונטערהאלטען — האבען אויך ניט געוואלד געשריען: „אזוי זעהט אויס אונ אזוי וויינט א ביטערע פינסטערע אלמנה, א מאמע, נעבעך, פון פינף יתומים!....״

ר׳ שמעון איז אריינגעקומען אונ אבגעהענדיג עטליכע טריט פון טהיר נאהענטער צום טיש איז ער שטעהן געבליבען אונ זעהר מיט כבוד געזאגט: גוט־נאבענד!

— גוט יאהר! האט חייע׳לע געאנטווערט, דער רבי דאכט זיך? האט זיא צו געלייגט זיך איינקוקענדיג אין דעם גאסט, ווי זי וואלט איהם אין אנהייב גאר ניט דערקענט, רבי, איהר וועט רייך ווערן, איך האב אייך ניט ערקענט.

— אונ איהר חייע׳לע, וועט דערהויכט ווערן! האט שימעלע געאנטווערט צו געהענדיג נאהענטער, איך האב אייך אויך ניט ערקענט, איהר זעהט אויס אהן עין הרע מיט צעהן יאהר יונגער!

— צרות, רבי, מאכען שטארק אונ געזונד, האט חייע׳לע מיט א זיפץ ערקלארט.

אִין גוּטֶע יָאהרֶן וָואלְט אִיךְ נָאר מַיינֶע וֶועהטִינֶען אוּנ מַיין טְרוֹיעֶר נִיט אַרִיבֶּער גֶעטְרָאגֶען, נוּר אַז דֶער וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג הָאט מִיךְ גֶעשְׁטְרָאפְט אוּנ אִיךְ בִּין–נִיט פַאר.קֵיין יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער גֶעבַאכְט–גֶעבְּלִיבֶּען אַ אַלְמָנָה מִיט יְתוֹמִים, זָאלֶען גֶעזוּנְד זַיין, אוּנ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נִיט פַאר וֶועמֶען זִיךְ אִיבֶּער צוּ גֶעהמֶען, אָט נִיט עֶר דִי קָאלְט נָאךְ דִי קְלֵיידֶער נָאךְ אוּנ מֶען מוּז גֶעזוּנְד אוּנ שְׁטַארְק זַיין. וָואס וֵויסְט אִיהר, רֶבִּי קְרוֹין? אַ מָאל טְהוּט מֶען זִיךְ אַ קְנִיפּ אִין בַּאק כְּדֵי דָאס פַּארְבּ זָאל זַיין... רָחֶלֶע, וָואס שְׁטֶעלְסְטוּ דֶעם רֶבִּי'ן נִיט אַ שְׁטוּהל? זִיצְט רֶבִּי!

ר' שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט.

– זָאגְט מִיר רֶבִּי, פַאר וָואס זֶעהט מֶען אַייךְ אַזוֹי זֶעלְטֶען? אִיהר זַייט דָאךְ נִיט גְלַייךְ צוּ אַנְדֶערֶע, וָואס קוּמֶען נוּר בֶּעת עֶס אִיז פְרֶאהלִיךְ. חָלִילָה אַז עֶס וֶוערְט אוּנְמוּטְהִיג זֶעהט מֶען זֵיי קֵיינֶעם אִין דִי אוֹיגֶען נִיט.

– דִיא מַעֲשֶׂה דֶערְפוּן אִיז פָּשׁוּט, הָאט שִׁמְעוֹן גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אַ גַאנְצֶען זְמַן, וֵוייסְט אִיהר דָאךְ, אִיז מֶען צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּם חֵדֶר, מֶען נֶעהמְט שְׂכַר לִמוּד, חַייֶע'לֶע, נִיט אוּמְזִיסְט, גְלוֹיבְּט מִיר נִיט אוּמְזִיסְט! בֵּין הַזְּמַנִים בִּין אִיךְ שׁוֹין דַוְקָא אַ בִּיסֶעל פְּרַייֶער, נֶעהמְט אָבֶּער אַזַא פֶּסַח, זֶעהר אַ שְׁוֶוערֶע דַאֲגָה פַאר אַ אָרֶעמַאן, עֶס פֶעהלְט דָאס אוּנ יֶענְס, אַ כְּלָל, מֶען קְרֶענְקְט אוּיס דִי עֶטְלִיכֶע פְרַייע שָׁעוֹת אִין טָאג! אַ גַאנְצֶען זְמַן, וֵוייס אִיךְ, אִיז מֶען וִוי דֶער אָקְס אִין דֶער סָאכֶע, מֶען צִיהט וִויפִיעל דִי כּוֹחוֹת דִינֶען, אִיצְט אָבֶּער אַז מֶען אִיז פְרַייא הֵייבְּט זִיךְ אָן מַצָּה, בּוּרִיקֶעס, קַארְטָאפֶעל, פְלֵייש אוּנ אַ שְׁטִיקֶעל בֶּגֶד אוֹיף יוֹם טוֹב, נוּ וָואס זָאל מֶען פְרִיהֶער טְהוּן?

וִוידֶער וֶועל אִיךְ זָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת, וָואס זָאל אִיךְ קוּמֶען אַ הֶערְצוּ? שְׂכַר לִמוּד הָאט אִיהר מִיר שְׁטֶאנְדִיג אִין שְׁטוּבּ אַרַיינְגֶעשִׁיקְט– אִיהר לָאזְט נִיט וִוי אַנְדֶערֶע דֶעם אָרֶעמֶען מְלַמֵּד הוּנְגֶערְן בִּיז זֵייא דֶערְמָאנֶען זִיךְ אִיהם זַיינֶע פָּאר קֶערְבְּלִיךְ צוּ גֶעבֶּען– דִי קִינְדֶער, פֶערְהֶארְן? זָאל גָאט מַאֲרִיךְ יָמִים זַיין אַייֶער טְרַייֶען שְׁוָואגֶער ר' שְׁלֹמֹה'ן, עֶר קוּמְט אִין חֵדֶר אַרַיין אַ פָּאר מָאל אִין וָואךְ אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף אַייֶערֶע יוּנְגְלֶעךְ וִוי זֵיי לֶערְנֶען, אָט פֶערְגֶעסְט מֶען אַ מָאל אֲפִילוּ אַרַיינְצוּקוּמֶען פוּן כָּבוֹד וֶועגֶען; נוּר אִיצְט בִּין אִיךְ גְלַאט אַזוֹי אַרַיינְגֶעקוּמֶען, וַוייל אִיךְ בִּין לֶעדִיג לְגַמְרֵי, וָואס מֵיינְט אִיהר לְגַמְרֵי? טַאקִי פָּשׁוּט לְגַמְרֵי לֶעדִיג: אָהן תַּלְמִידִים, אָהן גֶעלְד, אָהן אַ אָנְהֵייבּ אוֹיף פֶּסַח אוּנ גֶעה מַאךְ יוֹם טוֹב! נֵיין, זִינְדִיגֶען טָאהר מֶען נִיט, נִיט נָאר אָהן אַ אָנְהֵייבּ, דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זֶעהט צוּ וִויא יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ מֵמִית זַיין יוֹם טוֹב בְּכָבוֹד צוּ הַאלְטֶען, אָט שִׁיקְט עֶר צוּ אוֹיף מַצָּה. אִיהר מֵיינְט אַז אִיךְ זָאג: עֶר שִׁיקְט צוּ, מֵיין אִיךְ עֶר שִׁיקְט אַ מַלְאָךְ אִין שְׁטוּבּ אַרַיין מִיט אַ בַּייטֶעל גֶעלְד אוּנ עֶר זָאגְט: „ר' שִׁמְעוֹן, אָדֶער שִׁמְעוֹן, נָא, דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם הָאט דִיר גֶעשִׁיקְט אוֹיף מַצָּה כַּךְ וְכַךְ, אוֹיף פְלֵייש אוּנ בּוּרִיקֶעס וִוידֶער כַּךְ וְכַךְ? נֵיין! אַ זֶעלְכֶע צַדִיקִים זֶענֶען מִיר נָאר נִיט אִין הַיינְטִיגֶע דוֹרוֹת, אָט הָאט עֶר גוּטֶע מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען זַיינֶע אֱמֶת'ע מַלְאָכִים אִין דֶעם עִנְיָן אוּנ דֶער וָואס קָאן נִיט צוּ פֶערְדִינֶען אוֹיף מַצָּה, דֶער וָואס הָאט נִיט צוּ גֶעבֶּען צוּ פֶערְדִינֶען הָאט מִסְתָּמָא אַ נוּט הָארְץ אוּנ אַנְטְלַייהט אַ פָּאר קֶארְבְּלֶעךְ אוֹיף דִי אִיבְּרִיגֶע הִצְטָרְכוּת אוּנ עֶס וֶוערְט פֶּסַח, נִיט אֱמֶת חַייֶע'לֶע?

— אַז נִיט, עֶר זָאל צוּשִׁיקֶען דֶעם אָרֶעמֶען טָא וֶוער זָשֶׁע דֶען ? הָאט חַיֶּעלֶע בֶּעמֶערְקְט.

— קָשִׁין מְזוֹנוֹתָיו שֶׁל אָדָם כִּקְרִיעַת יַם סוּף! הָאט שִׁמֶעלֶע וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען. הֶערְט נוּר, דִיא גְמָרָא זָאגְט, אַז דֶעם מֶענְשֶׁענְס מְזוֹנוֹת זֶענֶען שְׁוֶוער אַזוֹי וִוי צוּ שְׁפַּאלְטֶען דֶעם יַם. אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְמָאנְט אַ תּוֹרָה וָואס ר׳ פִּנְחָס׳ל זָאל לֶעבֶּען הָאט גֶעזָאגְט אַמָאל בְּעֵת אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען בַּייא אִיהם זָאל לֶעבֶּען. אִין פְּלוּג אִיז דָאךְ דִי קַשְׁיָא, הָאט ר׳ פִּנְחָס׳ל גֶעזָאגְט, וִוי אַזוֹי זָאגְט דָאס גָאר דִי גְמָרָא ? אִיז אַ יִתָּכֵן אַז בַּייא דֶעם מִי שֶׁאָמַר וְהָיָה עוֹלָם: בַּייא גָאט וָואס מִיט אַ זָאג הָאט עֶר דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט בֶּעשַׁאפֶען, דֶעם יַם מִיט דֶער יַבָּשָׁה, וֶועט אִיהם שְׁוֶוער זַיין צוּ שְׁפַּאלְטֶען דֶעם יַם ? דֶערְפַאר הָאט ר׳ פִּנְחָס׳ל עֶרְקְלֶערְט: נִיט פַאר דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען, נוּר פַאר אוּנְזֶערֶע אָבוֹת וָואס הָאבֶּען מִיט זַייעֶר אֵייגֶענֶעם זְכוּת נִיט פֶערְדִינְט גָאר אַזַא נֵס, אָט אִיז זַיי קָשֶׁה גֶעוֶועזֶען בִּיז מֹשֶׁה הָאט פַאר זַיי תְּפִלָּה גֶעטְהוּן. אוּנ אַזוֹי אִיז מִיט מְזוֹנוֹת אוֹיךְ, מִיט אֵייגֶענֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים פֶערְדִינֶען מִיר גָאר נִיט גֶעשְׁפַּייזְט צוּ וֶוערֶן, נוּר דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען מוּז פַאר אוּנְז מִתְפַּלֵל זַיין, דַארִיבֶּער קוּמְט אוּנְז אַזוֹי שְׁוֶוער אָן אוּנְזֶערֶע מְזוֹנוֹת, אוּנְזֶער פַּרְנָסָה. אוּנ אַזוֹי מֵיינְט דִיא גְמָרָא אוֹיךְ מִיט דֶעם וָואס זִיא זָאגְט: קָשָׁה לְזַוְּגָן כִּקְרִיעַת יַם סוּף, אַ מֶענְשֶׁען אַ רֶעכְטֶען שִׁדוּךְ אוֹיסְצוּפִירֶען אִיז אוֹיךְ נִיט גְרִינְגֶער וִויא קְנֶעלֶען ... נוּר נִיט דָאס גָאר וִויל אִיךְ זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְמָאנְט וֶוענֶען ר׳ פִּנְחָס׳לֶען, אִיז מִיר דִי תּוֹרָה וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן אִיהם גֶעהֶערְט אַבֵּייגֶעפַאלֶען, פַאר אַייךְ, חַיֶּעלֶע, מָאג מֶען זָאגֶען אַ תּוֹרָה, אִיהר הָאט זִיךְ גֶענוּג תּוֹרָה אָנְגֶעהֶערְט בַּייא אַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אִיךְ הָאבּ זַיי גוּט גֶעקֶענְט, זַייעֶר זְכוּת זָאל אַייךְ בַּיישְׁטֶעהְן; אַז מִיר זָאל פָארְקוּמֶען אַייךְ רֶעדֶען אַ שִׁדוּךְ אִין אַ נוּטֶער שָׁעָה וָואלְט מִיר נִיט שְׁוֶוער זַיין אוֹיסְרֶעכֶענֶען דֶעם נוֹגֵעַ בְּדָבָר אַייעֶר יִחוּס בִּיז אָבוֹת אֲבוֹתֵינוּ וָואס זָאגְט אִיהר, חַיֶּעלֶע ?

— רֶבִּי, אַייעֶר גְלָאז אִיז שׁוֹין קַאלְט. הָאט רָחֶלֶע בֶּעמֶערְקְט.

— וְנִיִּים אִיךְ, וָואס הָאבּ אִיךְ פוּן דֶעם טְהֵיי ? הָאט שִׁמְעוֹן זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, מִיר ווּילְט זִיךְ גָאר אַ סַךְ אַ בִּילְכֶערֶע זַאךְ וִוי טְהֵיי.

— אִיהר ווּילְט אֶפְשָׁר לַייהֶען אַ גְמִילַת חֶסֶד אוֹיף יוֹם טוֹב ? הָאט חַיֶּעלֶע גֶעפְרֶעגְט.

— וָואס הֵייסְט אִיךְ וִויל לַייהֶען ? הָאט עֶר אִיבֶּער גֶעפְרֶעגְט. לַייהֶען אִיז עֶפִּיס אַזַא גוּטֶע זַאךְ אַז דָאס זָאל זִיךְ נָאךְ וֶועלְן ? ווּילֶען וִויל אִיךְ גָאר פֶערְדִינֶען. נוּר אַז צוּ פֶערְדִינֶען מַאכְט זִיךְ אִיצְט נִיט, וֶועט זִיךְ מִסְתָּמָא שְׁפֶּעטֶער מַאכֶען, אָט אַז מֶען הָאט דֶערְוַוייל קֵיין בְּרֵירָה נִיט, וָוארוּם פֶּסַח אִיז פֶּסַח אוּנ מֶען אִיז דָאךְ אַ יוּד, מוּז מֶען בֶּעטֶען לַייהֶען ... נוּר זָאגְט מִיר, חַיֶּעלֶע, וֶוען קָאן אִיךְ צוּ אַייךְ אַרַיינְקוּמֶען אִיבֶּער רֶעדֶען אַ פָּאר וֶוערְטֶער מִכֹּחַ אַ עִנְיָן, וִוי זָאגְט מֶען, אוּנְטֶער פִיער אוֹיגֶען ?

— רָחֶלֶ׳ע, הָאט דִי מוּטֶער אַ זָאג גֶעטְהוּן, גֶעהם דִי קִינְדֶער שְׁלָאפֶען, אָט זַייא דְרֶעמְלֶען שׁוֹין.

רָחֶלֶ׳ע הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דִי מוּטֶער וִויל אַלֵיין בְּלַייבֶּען מִיט שִׁמֶעלֶען, זִיא הָאט גֶענוּמֶען דִי קִינְדֶער אוּנ אִיז מִיט זַיי פוּן סְטָאלָאוֶוע אַרוֹיס. אַז שִׁמֶעלֶע אִיז

חַיֶיעֶלֶען אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען הָאט עֶר אַרוֹיסגֶענוּמֶען אַ בְּרִיוֶועלֶע פוּן זַיין בּוּזֶען קֶעשֶׁענֶע אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען לֵייעֶנֶען.

שָׁלוֹם וּבְרָכָה וְכָל טוּב סֶלָה לִכְבוֹד הַיָּרֵא וְחָרֵד וכו׳ מוה׳ שִׁמְעוֹן שַׁדְּכָן נ״י. אַזוֹי וִוי דִיר אִיז יָדוּעַ שִׁמְעוֹן, מַיין צַעַר, הַיְינוּ: וָואס הַפְּלוֹנִית שֶׁלִּי (מַיין פְרוֹיא) הָלְכָה לְעוֹלָמָהּ (אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען) אוּנ אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען אַ פְּלַג גּוּף, בִּין אִיךְ דִיר רֵאשִׁית מוֹדִיעַ, אַז בַּיי מִיר אִיז אַ פְּלַאן חוּפָּה צוּ הָאבֶּען מִיט אַ אִשָּׁה חֲשׁוּבָה כְּשֵׁרָה וִישָׁרָה, מִמֵּילָא מוּבָן (עֶס פֶערְשְׁטֶעהט זִיךְ) נָאךְ מַיין עֶרֶךְ. עַל כֵּן זָאלְסְטוּ טְהוּן אַריינְבְּרֶענְגֶען דַיין קָאפּ אוּנ דַיין רוֹב״ אִין דֶעם עִנְיָן אוּנ זָאלְסְט מַצִּיעַ זַיין (פָארְלֶעגֶען), עֶפִּיס אַ גְלַייכֶע זַאךְ. אִיךְ שְׁרַייבּ צוּ דִיר, חָאטְשׁ דוּא בִּיזְט נִיט אַ מוּחְזָק פַאר אַ גְרוֹיסֶען שַׁדְּכָן, אָבֶּער וַוייל דוּא בִּיזְט מֵאַנְשֵׁי שְׁלוֹמֵנוּ. (פוּן אוּנְזֶערֶע לַייט) אוּנ דוּא קֶענְסְט דִיא נָשִׁים חֲשׁוּבוֹת (דִיא ווירְדִיגֶע פְרוֹיעֶן) מֵאַנְשֵׁי שְׁלוֹמֵנוּ בִּפְרַט מִמַּחְנְךָ (פוּן דַיין שְׁטָאדְט) וֶועסְטוּ מִסְתָּמָא מַיין רָצוֹן פֶערְשְׁטֶעהן, אוּנ דוּא וֶועסְט קֵיין קְרוּמֶע זַאךְ נִיט מַצִּיעַ זַיין. וַוייט פָאהרֶן זוּכֶען בְּרוֹיכְסְטוּ נִיט, חֵן מָקוֹם עַל יוֹשְׁבָיו (יֶעדֶען גֶעפֶעלְט זַיין אֵיינֶען שְׁטָאדְט) וְדַי לְחַכִּימָא בִּרְמִיזָא. (אַ קְלוּגֶען אִיז גֶענוּג אַ וואוּנְק) אַז אִיךְ וֶועל זֶעהן אַז דוּא ווייסְט מַיין עֶרֶךְ אוּנ פֶערְשְׁטֶעהְסְט וָואס אִיךְ מֵיין, וֶועל אִיךְ דִיר מוֹדִיעַ זַיין פְּרָטִים, וה׳ יַצְלִיחַ דַּרְכְּךָ, מִנָּאִי הַצָּעִיר פִּנְחָס בְּרַבִּי יִשְׂרָאֵל הַלֵּוִי.

הָעִיקָר שֶׁכַּחְתִּי, (דָאס ווִיכְטִיגְסְטֶע הָאבּ אִיךְ פֶערְגֶעסֶן) פּוֹרֵשׁ בְּשָׁלוֹם צוּ זַיין לְהַגְּבִירָה הַמְפוּרְסֶמֶת הָאִשָּׁה הַצְּנוּעָה וְהַחֲשׁוּבָה מָרַת חַיֶיעֶלֶע הָ אַ לְ מָ נָ ה שֶׁתִּחְיֶ׳, וְזָאג אִיהר, אַז עֶר זָאל לֶעבֶּען אִיז מִתְפַּלֵּל בַּעֲדָהּ וּבְעַד בָּנֶיהָ הַיְתוֹמִים. (בֶּעט נָאט פַאר אִיהר אוּנ פַאר קִינְדֶער דִי יְתוֹמִים) הנ״ל.

חַיֶיעֶלֶע הָאט פֶערְלַאנְגְט זֶעהן דָאס בְּרִיוֶועלֶע מִיט אִיהרֶע אוֹיגֶען. שִׁמְעוֹן הָאט אִיהר דָאס בְּרִיוֶועלֶע דֶערְלַאנְגְט, זִי הָאט אַ קוּק גֶעטְהוּן אוּנ בַּאלְד אָבְּגֶעגֶעבֶּען שִׁמְעוֹנֶען צוּרִיק אוּנ אַ בֶּעהַאלְטֶעגֶעם שְׁמֵייכֶעל גֶעטְהוּן.

– רֵאשִׁית בֶּעט אִיךְ אַייךְ, חַייעֶלֶע הָאט שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט, אַז דָאס זָאל זַיין בַּיי אַייךְ אַ סוֹד, פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר, אִיבֶּער כַּמָּה טְעָמִים בְּרוֹיךְ דָאס אַ סוֹד זַיין, אֵיינְמָאל דַארְף אַ שַׁדְּכָן גְלַאט אַזוֹי אַ סוֹד זַיין, צְווייטֶענְס וַויל אִיךְ פָּשׁוּט, אַז קֵיין אַנְדֶער שַׁדְּכָן זָאל עֶס נִיט ווִיסֶען אוּנ בַּיי מִיר נִיט אוֹיסְכַאפֶּען, נוּר אַזוֹי ווִי אִיהר זֶענְט אַ אִשָּׁה חֲכָמָה אוּנ אִיהר קֶענְט ר׳ פִּנְחָסְלֶען, זָאלְט אִיהר מַאכִי זָאגֶען וָואס זָאל אִיךְ אִיהם מַצִּיעַ זַיין?

– הֶערְט אִיהר, רֶבִּי, הָאט חַייעֶלֶע ווִי גְלַייבְּגִילְטִיג גֶעעֶנְטְוֶוערְט, מִיךְ אַרְט נָאר נִיט, אַז ר׳ פִּנְחָס׳ל, חָאטְשׁ עֶר אִיז אַ פַיינֶער יוּד, מִיר אַזַא יָאהר, אַז עֶר וֶועט זִיצְטֶען צוּם סֵדֶר ווִי אַ מֶלֶךְ אָהן אַ מַלְכָּה; אִיךְ הָאבּ נָאךְ דֶערְוַוייל בִּילְכֶערֶעס צוּ דַאֲגֶהן אוּנ צוּ טְרַאכְטֶען, אִיךְ בְּרוֹיךְ נָאךְ מַיין רָחֵלֶ׳ען, זָאל לֶעבֶּען, אַ חָתָן גֶעבֶּען. וָואס ווייטֶער וֶועט זַיין וֶועט שׁוֹין גָאט זָארְגֶען, נִיט שׁוֹין אִיז מַיין מַזָּל עֶרְגֶער ווִי דֶער מַזָּל פוּן אַנְדֶערֶע אַלְמָנוֹת? אוּנ ווִידֶער פְרֶעג אִיךְ: וָואס אִיז דִי אַיילֶענִישׁ אַזוֹי גְרוֹיס? וָואס אַט ר׳ פִּנְחָס׳ל אַזוֹי קֵיין צַייט נִיט? דִי טַייךְ אוּנְזֶערֶע בְּרֶענְט נָאךְ נִיט!...

– חַייעֶלֶע, אִיהר זַייט דָאךְ אַ קְלוּגֶע אִשָּׁה, הָאט שִׁמְעֶלֶע זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, אִיהר ־ט דָאךְ, אַז נִיט אַזוֹי גִיךְ טְהוּט זִיךְ ווִי עֶס רֶעדְט זִיךְ, ר׳ פִּנְחָס׳ל מֵיינְט אוֹיךְ

מיט הענדום פענדום חתונה האבען, ער שרייבט: האבען דאס נור אין זינען, און ער איז געערעבט! ווייסט איהר פאר וואס געערעבט? ווייל ער איז א יוד א למדן מופלג — און וויים אז דיא גמרא זאגט: פיערציג טאג קודם יצירת הולד, דאס איז טייטש: איידער דאס קינד ווערט נאך געבארן רופט שוין א בת קול אויס ,,בת פלוני לפלוני". וועט איהר אפשר אויך פרעגען: וואס איז די איילעניש? וואס האבען זיי דארט אין הימעל קיין צייט ניט? פון דעסטוועגען ווערט טאקי דער זווג בעשטימט נאך איידער מען ווערט געבארן, ביז דער חתונה געהן דערווייל אריבער צוואנציג יאהר אדער מעהר; איז דאס אלץ געערעדט ביי דעם זווג ראשון, דער זווג שני אבער. וואס קומט דעם מענשען לפי מעשיו, נאך זיינע גוטע מעשים, איז דער שטיינער מען זאל טאקי א ביסעל צו איילען און מען מאג שרייבען צוליעב דעם הנאים אפילו אום הול המועד. פשוט, שמא יקדמנה אחר, טאמער וועט דערווייל זיא אויסכאפען איין אנדערער. זעהט איהר, חייעלע, ר' פנחס'ל וויים וואס ער טהוט. איך בין נור זיין שליח צו זוכען? געזוכט האב איך און גאט ברוך הוא, דאכט מיר, האט מיר בעוויזען די אשה חשובה וואס ר' פנחס'ל מיינט... איצט דארף איך נור וויסען אויב עס איז ניט קרום, וועל איך איהם שרייבען; ביז וואס וועט, מאג נאך עטליכע חדשים אריבער. ניש קשה, מיינע שדכנות וועט ניט פערפאלען ווערן, אי וואס? מיר פעהלט נאך א פינף זעקס קערבליך דעם יום טוב אויסצופיהרען? בין איך נאך ביי חייעלען, זאל לעבען, א בטוח, און איהר וועט מיר טאקי לייהען וויפיעל איך דארף נאך.

— אויף פינף רובעל, רבי, זייט איהר אלע מאל א בטוח, בפרט אז ביי מיר איז געבליבען ביי אייך מיינע יונגליך ניט אבגעהמען אויף זומער אויך. נאט אייך דערווייל פינף רובעל. יוא, אז איהר וועט שרייבען צו ר' פנחס'לען דאנקט איהם פאר זיין געערוס צו מיר, נור איך בעט אייך, קיין זייטיגע זאכען איהם ניט דערמאנען; איך האב א טעם דארינען, אגב רעדען איך, אם ירצה השם, תיכף נאך פסח אריבער פאהרן צו איהם זאל לעבען, איך וועל הערן וואס ער וועט זאגען, וועל איך וויסען וואס אייך צו ענטווערן.

— איהר רעדט ווי א פרומע אשה, חייעלע! האט ר' שמעון מסכים געוועזן, אדרבה, פאהרט טאקי תיכף נאך יום טוב, וועט איהר טאקי הערן; אהן זיין הסכמה וויל איך גאר קיין שדכן ניט זיין. איינגענטליך האב איך שוין געמאכט געהן א היים ווארום דעם גמילת חסד אייערן האט איהר מיר שוין געגעבען, נור פון א יודען ווערט מען דאך אזוי גיך ניט פטור, אט ווילט זיך מיר ביי אייך בעטען: איהר זאלט מיך מהנה זיין פון אייער זילבער מיט א זילבערנעם בעכער ביז איבער יום טוב. זינט איך בין א שטיקעל מענש איז ביי מיר צום סדר שטענדיג געוועזן א זילבערנער בעכער צו דעם כוס של אליהו זכור לטוב, איך האב איהם נאך בירושה געהאט פון מיין שווער עליו השלום. נור וואס איז די שאמעריי? איהר ווייסט דאך, שמעון איז ניט קיין גביר — מאכט זיך, מיין פלונית ווערט, ניט פאר אייך געדאכט, ניט געזונד היינטיגען ווינטער, מען מוז האבען א קערבעל פאר דעם דאקטאר און אין אפטייק אריין און אין קעשענע איז א קאפעקע ניטא, וואס האב איך געטהון, מיינט איהר? געהאפט דעם זילבערנעם בעכער אווע: געטראגען צו לייבקע דעם מלוה, גענומען

אויף איהם אַרוּבֶּעל מִיט פוּנְפְצִיג קָאפֶּעקֶעס און אַזוֹי לִיגְט דֶער בֶּעכֶער בַּיי אִיהם און וֶועט נָאךְ מִסְתָּמָא לִיגֶען בִּיז גָאט בָּרוּךְ הוּא וֶועט זִיךְ עֶרְבַּארֶעמֶען. דֶערְוַוייל אִיז מִיר אַ בִּזָיוֹן פָּשׁוּט. אִין דֶער דָאזִיגֶער נַאכְט פוּן פֶּסַח צוּ שְׁטֶעלֶען אֱלִיָּהוּ הַנָּבִיא זַיין כּוֹס אִין אַ פְּרָאסְטְ גְלֶאזֶעל; דֶערְפַאר, אַז מֶען וֶועט בַּיי מִיר פֶּסַח צוּם סֵדֶר דִי טְהִיר אֶפֶענֶען וֶועל אִיךְ זָאגֶען: בָּרוּךְ הַבָּא, אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי! זֶעהסְטוּ אָט דֶעם גְבִיעַ שֶׁל כֶּסֶף? דָאס הָאט הָאִשָּׁה חַיָּה בַּת רָחֵל מִיר גֶעלִיהֶען נוּר פוּן דַיין כָּבוֹד וֶועגֶען. בֶּענְשׁ זִיא מִיט בְּרָכָה און הַצְלָחָה, און בָּטוּחַ בִּין אִיךְ אַז זַיין בְּרָכָה וֶועט מְקוּיָּם וֶוערֶען!

— פוּן אֱלִיָּהוּ הַנָּבִיא'ס וֶועגֶען וָואלְט אִיךְ מַיין גַאנְצֶען זִילְבֶּער אוֹיךְ גִיט זְשַׁאלִיוֶועט הָאט זִי גֶעאֶנְטְוֶוערְט, זָאל עֶר נוּר וֶועלֶען טְרִינְקֶען גֶעזוּנְדֶערְהֵייט, ווי אִיךְ פֶּערְגִין אִיהם! זִיטְצְט אַ בִּיסֶעל, אִיךְ וֶועל אַייךְ בַּאלְד אַרוֹיסְטְרָאגֶען אַ בֶּעכֶער.

חַיֶּע'לֶע אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. שִׁימֶעלֶע אִיז אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען און הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּערֶעכֶענֶען וואו דִיא פִינְף רוּבֶּעל צוּ פֶערְטְהוּן.

אַ אָקֶע (דְרַיי פוּנְט) שְׁמַאלְץ, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען, קָאסְט אַ קַארְבּ מִיט צֶעהְן גְרָאשֶׁען. אַזוֹי הָאט זִי א מִיר הַיינְט גֶעזָאגְט. טָא וויפִיעל וֶועט מִיר קָאסְטֶען אַ הַאלְבֶּע אָקֶע? גֶענוּג וֶועט זַיין אַ הַאלְבֶּע אָקֶע; יָע, וֶועט קָאסְטֶען אַ הַאלְבֶּען רוּבֶּעל מִיט פִינְף גְרָאשֶׁען. בְּלַייבְּט מִיר נָאךְ מְזוּמָן פִיער קַארְבֶּען מִיט דְרַיי גִילְדֶען מִיט פִינְף גְרָאשֶׁען. גֶעדֶענְק זְשֶׁע! אַ כְּלִי אויף פֶּסַחְ'דִיגֶע וַואסֶער דְרַיי גִילְדֶען, אַ מֶעסְטֶעל־קַארְטָאפְלֶעס, לְכָל הַפָּחוֹת אַ מֶעסְטֶעל, אוֹיךְ פִיער גִילְדֶען, גַאנְץ שֶׁאנֶע קַארְטָאפְלֶעס הָאבֶּען לַייט הַיינְט גֶעקוֹיפְט פַאר פִיער גִילְדֶען. אַ בִּיסֶעל בּוּרִיקֶעס אוֹיף פֶּסַח אוֹיךְ בֶּערֶךְ אַ גִילְדֶען צְוַויי, און אֶפְשָׁר טַאקִי פַאר דִיא גַאנְצֶע דְרַיי, אִיךְ הָאבּ לִיבּ אַ בּוּרִיקֶעס רָאסֶעל, אַ בּוּרִיקֶעס צִימֶעס, גֶעהַאקְטֶע בּוּרִיקְלֶעךְ מִיט אַ בֵּיין, אוֹיף נֶאֱמָנוּת אַ מְחַיֶּה, אֲפִילוּ בַּיי טָאג נָאךְ דֶעם שְׁלָאף אוֹיךְ, און וָואס עֶסְט מֶען אַ גַאנְץ חוֹל הַמּוֹעֵד? עֶס אִיז דָאךְ פַארְט יוֹם טוֹב און פֶּסַח דֶערְצוּ? מִסְתָּמָא, טַאקִי פַאר דִי גַאנְצֶע דְרַיי גִילְדֶען; הַיינְט פְלֵייש? אָט דָא אִיז דִיא צָרָה! פְלֵייש קָאסְט בְּוַדַּאי אַ גִילְדֶען מִיט זֶעקְס גְרָאשֶׁען אַ פוּנְט. לְכָל הַפָּחוֹת מוּז מֶען נֶעהְמֶען אַ פִיער פוּנְטְלֶעךְ פְלֵייש אויף דִי עֶרְשְׁטֶע טָאג. הַיינְט גֶעה צָאהל צוּ גִילְדֶען מִיט זֶעקְס גְרָאשֶׁען אַ פוּנְט. און פִיער פוּנְט אִיז טַאקִי פִיער גִילְדֶען און פִיער מָאל זֶעקְס גְרָאשֶׁען אִיז דָאס אוֹיךְ אַ גִילְדֶען אָהְן זֶעקְס גְרָאשֶׁען. אַ אֵיינֶענֶעם אַ גַאנְצֶער! און דֶער סוֹף וֶועט זַיין, אַז דֶער קַצָּב וֶועט נָאךְ פוּן וָואג אַרָאפּ נֶעהְמֶען אַ הַאלְבּ פוּנְט. אָט וֶועט אָנְקוּמֶען אויף אַ גֶעזִינְדֶעל פוּן זֶעקְס מֶענְשֶׁען אַ פָּחוֹת מִכְּזַיִת פְלֵייש... און פַאר וָואס אִיז דָאס אַלְץ אַזוֹי? ווייל אוּנְזֶער בַּעַל טַאקְסֶע הָאט אוֹיף דֶעם אָרֶעמַאן אַ בְּרֶעקֶעל רַחֲמָנוּת נִיט. בֶּן סִירָא אִיז גֶעוֶועזֶען וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט: כָּל יְמֵי עָנִי רָעִים. אַלֶע טָאג פוּן דֶעם אָרֶעמַאן זַיינֶען שְׁלֶעכְטֶע טָאג. פֶערְשְׁטֶעה אִיךְ דֶערְפוּן, אַז אִין בֶּן סִירָא'ס צַייטֶען אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אַ טַאקְסֶע, און עֶר אַלֵיין הָאט בֶּעדַארְפְט צָאהלֶען פַאר פִיער פוּנְטְלֶעךְ פְלֵייש לְכָבוֹד יוֹם טוֹב גַאנְצֶע פִינְף גִילְדֶען אָהְן זֶעקְס גְרָאשֶׁען, און ווי דֶער שְׁטֵיינֶער אִיז, אַז עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קַבְּצָן הָאט אִיהם מִסְתָּמָא גָאט גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַ זֶעקְס, זִיבֶּען אַכְט קִינְדֶער. אִיז עֶר מִיט זַיין פְּלוֹנִית דִיא בֶּן סִירָא'טֶע אִין אֵיינֶעם גֶעוֶועזֶען אַ גֶעזִינְדֶעל פוּן צֶעהְן מֶענְשֶׁען און פְּרוּבּ אַדְּרַבָּה אֵיינְטְהֵיילֶען אַ פוּנְטֶעל פְלֵייש פוּן אַ יוֹם טוֹבְ'דִיגֶען צָארִימֶעס אויף אַ גֶעזִינְדֶעל

פֿון צֶעהן מֶענְשֶׁען, אָט, אַז עֶר הָאט פֶערְזוּכְט וָואס פַאר אַ טַעַם דֶער קַבְּצָן פִיהלְט פוּן זַיין שַׁבָּת, יוֹם טוֹב אוּנ וָואךְ. הָאט עֶר אַ וָאג גֶעטְהוּן: כָּל יְמֵי עָנִי: אַלְלֶע טָאג פוּן דֶעם קַבְּצָן זַיינֶען אִיהם שְׁלֶעכְט, אַי וָואס? דִיא גְמָרָא פְרֶעגְט: וְהָאִיכָּא שַׁבָּתוֹת וְיָמִים טוֹבִים? אִיז דָאךְ אִין פְּלוּג דִיא מַשְׁמָעוּת אַז שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב הָאט דֶער קַבְּצָן הֲנָאָה פוּן זַיין לֶעבֶּען? אִיז דָאס אוֹיךְ קֵיין קַשְׁיָא נִיט, וָוארוּם דִיא קַשְׁיָא הָאבֶּען נוּר גֶעפְרֶעגְט דִי יְשִׁיבָה לַייט וָואס הָאבֶּען אוֹיף פְרֶעמְדֶע טִישֶׁען גֶעגֶעסֶן אוּנ דֶעם קָאפּ נִיט גֶעדְרֶעהט: וואוּ גֶעהמְט אַ גִילְדֶען מִיט זֶעקְס גְרָאשֶׁען אוֹיף אַ פוּנְטֶעל פְלֵייש — הָאבֶּען זֵייא טַאקִי דִי גְזֵרָה פוּן דֶער טַאקְסֶע נִיט גֶעפִיהלְט. אָבֶּער אַ טַאקְסֶע אִיז שׁוֹין דַאמָאלְס אוֹיךְ גֶעוֶועזֶן, וָוארוּם יוּדֶען זֶענֶען שׁוֹין דַאמָאלְס אִין גָלוּת גְעוֶועזֶן אוּנ וָואס פַאר אַ פָּנִים הָאט אַ גָלוּת אָהן אַ טַאקְסֶע? שְׁמַע מִנָּה אִיז דֶערְפוּן גֶעדְרוּנְגֶען אַז דָאס הָאבֶּען גֶעזָאגְט נוּר דִי יְשִׁיבָה לַייט. אָבֶּער בֶּן סִירָא אִיז גֶערֶעכְט וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט כָּל יְמֵי עָנִי רָעִים, אַלֶע טָאג דֶעם אָרֶעמַאנְס זֶענֶען פִינְסְטֶערֶע בִּיטֶערֶע טָאג, אֲפִילוּ שַׁבָּת, אֲפִילוּ יוֹם טוֹב הָאט עֶר יְסוּרִים. בֵּיינֶער אוּנ נִיט פְלֵייש! ...

נוּר מַחֲשָׁבוֹת'ן, וואוּ הַאלְט אִיךְ מִיט'ן חֶשְׁבּוֹן? נוּר וָואס בִּין אִיךְ מְחוּיָב צוּ בְּרֶעכֶען אִיצְט דֶעם קָאפּ אוּנ רֶעכְנֶען? אִיךְ וֶועל בֶּעסֶער פַאנַאנְדֶער בֵּייטֶען דָאס פִינְפֶערְל, אַרָאפְּנֶעהמֶען אַ רַ"ךְ וְחָצִי, וֶועל אִיךְ דֶערְפוּן קוֹיפֶען וַויין אוֹיף כּוֹסוֹת אוּנ אַ הַאלְבּ קְוָוארְט פֶּסַחְ'דִיגֶען יי"ש בְּסַךְ הַכֹּל פַאר פִינְף גִילְדֶען. בְּלַייבְּט מִיר נָאךְ פִינְף גִילְדֶען, וֶועל אִיךְ פַאר דְרַיי גִילְדֶען מִיר קוֹיפֶען אַ נַיי הִיטֶעל לְכָבוֹד יוֹם טוֹב. וֶועט זַיין אַ גִילְדֶען אוֹיף חְרֵיין אוּנ חֲרֹסֶת מִיט דִי אִיבְּרִיגֶע מַכְשִׁירִים. נִמְצָא בְּלַייבְּט מִיר נָאךְ אַ גִילְדֶען רֶיוַח; נוּר פוּן יוֹם טוֹב טָאהר מֶען נִיט פֶערְדִינֶען. וֶועל אִיךְ קוֹיפֶען פַאר צֶעהן גְרָאשֶׁען אַ הַגָּדָה אַ נַייע. פַאר צֶעהן גְרָאשֶׁען אַייְנְגֶעמַאכְץ פוּן רֶעטֶעךְ מִיט אִינְגְבֶּער — גֶעזוּנְד צוּם מָאגֶען, אוּנ צֶעהן גְרָאשֶׁען אַ פֶּעקְעל נַייע צִיצִית אִין מַיין טַלִּית לְכָבוֹד יוֹם טוֹב, אָט אַזוֹי בִּין אִיךְ קְוִויט. אִיהר וֶועל אִיךְ דֶערְלַאנְגֶען דִי דְרַיי רַ"ךְ וְחָצִי אוּנ אִיהר זָאגֶען: נַא, אִיךְ גִיבּ דִיר וִויפִיעל אִיךְ הָאבּ, מַאךְ יוֹם טוֹב אוּנ גְרֵייט אָן חָאטְשׁ פוּן פוֹיגֶעל מִילְךְ! זִיא וֶועט מִסְתָּמָא גֶעהמֶען דָאס קְרַיידְטֶל אוּנ וֶועט אָנְהֵייבֶּען רֶעכְנֶען: קַארְטָאפֶעל כַּךְ וְכַךְ, בּוּרִיקֶעס, שְׁמַאלְץ, אֵייעֶר, פְלֵייש, זַאלְץ, לִיכְט, בְּאַד גֶעלְד, אוּנ וֶועט שְׁרַייעֶן אוּנ וַוארְפֶען זִיךְ: נֶעה דוּא מַאךְ יוֹם טוֹב דֶערְמִיט! טָא וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? מֶעהר הָאבּ אִיךְ נִיט. אֲפִילוּ אוֹיף בָּאד גֶעלְד זִיךְ נִיט גֶעלָאזֶען, נָאט אִיז מַיין עֵדוּת, אַז וֶוען אִיךְ זָאל הָאבֶּען וָואלְט אִיךְ אִיהר נִיט זְשַׁאלִיוֶוען! אַי וָואס, זִיא וֶועט שְׁרַייעֶן? פַארְקַאסֶער אִיךְ מַיינֶע פָּאלֶעס אוּנ גֶעה מִיר ווידֶער אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אַרַיין. לָאז זִיא שְׁרַייעֶן, אַז עֶס וֶועט נַאכְט וֶוערן וֶועט מוּזֶען וֶוערן אַ סֵדֶר אוּנ צוּם סֵדֶר וֶועט זִיא אָהן מִיר נִיט אוֹיסְקוּמֶען!"

אִין דֶער צַייט וָואס שִׁימֶע'לֶע הָאט זַיין קָאפּ גֶעבְּרָאכֶען וִויא צוּ פֶערְטְהוּן זַיינֶע נְחִלִיהֶענֶע פִינְף רוּבֶּעל — אִיז רָחֶל'ע גֶעוֶועזֶען בֶּעשֶׁאפְטִיגְט מִיט אִיהרֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ אִין זֵייעֶר צִימֶער זֵיי שְׁלָאפֶען צוּ לֶעגֶען.

— עֶס אִיז אֱמֶת רָחֶל'ע, וָואס דֶער רֶבִּי זָאגְט, הָאט דָאס עֶלְטֶער יִינְגֶעל גֶעפְרֶעגְט, אַז אִיצְט הָאט מֶען דֶעם טַאטֶען פְרַיי אַרוֹיסְגֶעלָאזֶען פוּן גֵיהִנּוֹם? אִיצְט גֶעהט עֶר זִיךְ אַבְּקִיהלֶען אוֹיף דִי גְרוֹיסֶע בֶּערְג מִיט שְׁנֵיי וָואס זֶענֶען אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט! אָי, אִיךְ

האב אזא רחמנות אויף אונזער טאטען, איהם איז דארט אזוי שלעכט, זאג, רחל'ע איצט אז ער איז פריי איז איהם אויך שלעכט?

דאס קינד האט זיך צוגעטולעט צו זיין שוועסטער, ווי עס וואלט זיך בעהאלטען געוואלט פון דעם שרעק-בילד וואס זיין רבי האט איהם פארגעשטעלט. רחל'ען זענען ארויס טהרערען פון דיא אויגען.

— האב קיין מורא, מיין ליעב ברודערל, האט זי דאס קינד געטראסט. אונזער ליעבען פאטער איז אויף יענער וועלט ניט שלעכט! נור רשעים וואס האבען שלעכטס געטהון אין זייער לעבען, וואס האבען גענגנבעט, ליגען געזאגט, פאלש געשווארען אויף א ארעמאן קיין רחמנות ניט געהאט — נור אזעלכע קומען אין גיהנום אריין, אבער אונזער ליעבער פאטער איז געוועזען א גוטער מענש, ליבער מאטעלע, ער האט נור גוטעס געטהון, איהם האבען אלע ליעב געהאט, גאט האט איהם אויך ליעב געהאט זוי לאנג ער האט געלעבט, אונ נאך זיין טויט האט ער איהם צוגענומען צו זיך אין גן עדן. זאג נור קדיש נאך איהם, מיין טהייער ברודערל, אונ האב קיין מורא ניט!

— אבער דער רבי זאגט, האט דאס קינד איינגעוויזען, אז אלע, אפילו א צדיק מוז אויך פריהער אין גיהנום זיין, נור אין דעם חדש ניסן, וואס גאט האט יודען פון מצרים ארויסגעפיהרט, זענען אלע פריי פון גיהנום, אפילו רשעים אויך, מען פעי-לעשט דארט דאס פייער ביז נאך פסח, זאגט דער רבי.

— דיין רבי ווייס ניט, האט זיא געענטפערט, זיי גוט אונ פרום, האב רחמנות אויף ארעמע, טהו קיינעם קיין שלעכטס ניט, זאג קיינמאל קיין ליגען ניט, שעלט קיינעם, אונ פאלג דער מוטער, דעם פעטער, אויך מיר, מיין טהייער ברודערל, וועסט אויך פאר דעם גיהנום ניט ברויכען מורא האבען! זיי ווי אונזער ליעבער פאטער, וועלכער איז אין גן עדן איצט; ער בעט דיך מאטעלע, דוא זאלסט אזוי גוט זיין ווי ער!

דאס קינד האט זיך בערוהיגט, אבער עס האט אלץ מורא געהאט אין חדר אליין צו בלייבען; זי האט געבען איהם געמוזט זיטצען ביז עס איז ענטשלאפען געווארען. זיצענדיג אזוי האט זיא אנגעהויבען טראכטען, וועגען שימעלען, זיא האט איהם קיינמאל ניט ליעב געהאט. נור איצט האט זי געפיהלט ווי א וועהטיג אין הערצען. צו וואס איז ער געקומען צו אונז אין שטוב? האט זיא זיך געפרעגט, איז ער ניט געקומען ווי אלע מאל, אוועק צו שלעפען מיינע אונשולדיגע ברידערלעך, ווי די ארעמע שאפעלעך צו איהם אין חדר אריין, דארט זיי שלאגען, זיי שרעקען מיט זיינע ווילדע מעשות ווי מען פייניגט אונזער ליעבען פאטער אין גיהנום.—איז ער געקומען אבנעהמען פון זיי זייער איינציגע שוועסטער וועלכע האט נאך אפען אונ א מאל זיי פון זיינע הענד צו פערהיטען! יא. נור צו ליעב דעם איז ער געקומען, זאנסט וואלט דיא מוטער מיך ניט ארויסגעשיקט, זי האט קיין אנדערע סודות מיט שימעלען צו רעדען וואס מיר פאסט ניט זיין דערביי. אבער גיין, איך וועל מיך ניט לאזען אבבריסען פון מיינע קליינע יתומים. גאט קאן עס אויך ניט דערלאזען. אונ אפשר מיינט ער גאר דיא מוטער? אך, דאס איז נאך ערגער! אונ איך האב מורא דאס וועט איהם אויך גרינגער זיין... ווי שלעכט, וויא זינדיג ביזטו, שימעלע!.... אונ

אֶפְשָׁר בִּיזְטוּ נִיט שׁוּלְדִיג, דִי נוֹיטְה טְרַייבְּט דִיךְ. דֶער הוּנְגֶער פֶערְקְרִימְט דַיין צִינְג מִיט לִיגֶען אוּנ שְׁווינְדֶעל, דוּא מֵיינְסְט נוּר אַ קֶארְבֶּעל, צוּ קָאנֶען דֶעם יוֹם טוֹב אוֹיס פִירְהן אוּנ נוּר פוּן אַ תְּרוּין וֶועגֶען, זָאנְסְטוּ אַז דוּא מֵיינְסְט עֶטְוָואס אַנְדֶערְשׁ... נוּט אִיךְ וֶועל דִיר דָאס קֶערְבֶּעל שְׁטֶאנְדִיג אִין שְׁטוּבּ אַרַיינְטְרָאגֶען נוּר קוּם צוּ אוּנְז אִין שְׁטוּבּ נִיט אַרַיין, נִיט פֶערְשְׁטֶער מַיינֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ זַייעֶר פְרַייהַייט אוּנ נִיט רוֹיבּ פוּן מִיר מַיינֶע זִיסֶע הָאפְנוּנְגֶען !"

אַז זִיא הָאט בֶּעמֶערְקְט דִי קִינְדֶער שְׁלָאפֶען שׁוֹין, אִיז זִי בַּאלְד אִין סְטָאלָאוֶוע אַרַיין. שִׁימֶעלֶע אִיז נָאךְ אַלֵיין בַּיים טִישׁ גֶעזֶעסֶען אוּנ גֶעבַּארַאבַּאנֶעט מִיט דִי פִינְגֶער אוֹיף דֶעם טַאץ מִיט דִי גְלָאזֶער. וִוי רָחֶלֶ'ע אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר צוּ בַּארַאבַּאנֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאנַאנְדֶער צִיהֶען מִיט אַ פִינְגֶער דָאס פֶערְגָאסֶענֶע טְהֵיי וַואסֶער אוֹיף דֶעם טַאץ אִין אַ מְנוֹרָה מִיט זִיבֶּען רֶערְהן, פּוּנְקְט וִויא דִיא הֵיילִיגֶע מְנוֹרָה פוּן חוּמָשׁ מִיט אִיהרֶע קְנֶאפּ אוּנ מִיט אִיהרֶע בְּלוּמֶען.

— רֶבִּי, הָאט רָחֶלֶ'ע שְׁטִיל אוֹיסְגֶערֶעדְט צוּגֶעהֶענְדִיג צוּ אִיהם, וָואצוּ עֶרְצֶעהלְט אִיהר דִי קִינְדֶער אַזֶעלְכֶע מַעֲשׂוֹת פוּן גֵיהִנוֹם ? זֵיי שְׁרֶעקֶען זִיךְ אִיצְט אַלֵיין אִין צִימֶער צוּ בְּלַייבֶּען. הָאט קֵיין פַארְאִיבֶּעל נִיט, לִיעבֶּער רֶבִּי, אִיךְ וֵוייס, אִיהר זֶענְט נִיט רַייךְ, אִיהר וִוילְט פֶערְדִינֶען אַ רוּבֶּעל, דִי נוֹיטְה טְרַייבְּט אַייךְ, אִיךְ וֶועל זָארְגֶען דֶער רוּבֶּעל זָאל אַייךְ נִיט פֶעהלֶען, נוּר פֶערְשְׁטֶארְט מַיינֶע יְתוֹמִים'לֶעךְ דֶעם יוֹם טוֹב נִיט, עֶר אִיז שׁוֹין אָהנֶע אַייךְ אוֹיךְ גֶענוּג פֶערְשְׁטֶארְט... וָואס עֶס מוּז זַיין, וֶועט זַיין, וָואס אִיז אָבֶּער דִי אַיילֶענֶעשׁ ? ... זָאלֶען דִיא קִינְדֶער אוּנְטֶערְוַואקְסֶען, זָאל אוּנְזֶער טְרוֹיֶער חָאטְשׁ אַ בִּיסֶעל פֶערְגֶעסֶען וֶוערן, דַאן זָאל גָאטֶעס וִוילֶען גֶעשֶׁעהן... וָואצוּ בְּרוֹיכְט אִיהר אָבֶּער דֶער נִיט גֶעבֶּעטֶענֶער שָׁלִיחַ זַיין, קְלֵיינֶע יְתוֹמִים — עֶלֶענְד אוּנ אַנְגְסְט צוּ בְּרֶענְגֶען פָאר דֶער צַייט ? אִיךְ מֵיין, אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט מִיךְ, רֶבִּי !?...

— צוּ אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה ? הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה אוֹיף'ן וואוּנְק, מִיט מִיר דַארְף מֶען אַ סַךְ נִיט רֶעדֶען... אַדְרַבָּה, וַוייל אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה, וֵוייס אִיךְ, אַז אִיךְ טְהוּ דִיר קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט; נוּר וַוייל דוּא פֶערְשְׁפְּרֶעכְסְט מִיר אַ גְּמִילַת חֶסֶד צוּ לֵייהֶען, וֶוען נוּר אִיךְ וֶועל בְּרוֹיכֶען, בִּיזְטוּ אַ גוּט מֶאדֶעל ! פִיעל וֶועל אִיךְ נִיט בֶּעטֶען, אִיךְ בְּרוֹיךְ נוּר פַאר מַיינֶע יוּנְגְלֶעךְ אַ פָּאר הִיטֶעלֶעךְ לְכָבוֹד יוֹם טוֹב, הָאסְטוּ דַיינֶע בְּרִידֶערְלֶעכְס הִיטֶעלֶעךְ מִיר אָוֶועג צוּ שֶׁענְקֶען אִיז מַה טוֹב, אַז נִיט לַייה אַ קֶארְבֶּעל, וֶועסְטוּ מִיךְ אִין דִיא אוֹיגֶען נִיט אָנְזֶעהן וִוי לַאנְג דוּא וִוילְסְט אַלֵיין ! אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה דִיךְ רָחֶלֶ'ע, אַזָא יָאהר מִיר וָואס פָאר אַ גוּט מֶאדֶעל דוּ בִּיזְט, חָאטְשׁ אַ בִּיסֶעלֶע נִיט קְלוּג !

— נַאט אַייךְ אַ רוּבֶּעל אוּנ קוּמְט נִיט פְרִיהֶער, בִּיז אִיהר וֶועט נָאךְ אַ מָאל עָפֶּעס בְּרוֹיכֶען ! הָאט זִיא גֶעזָאגְט. אִין דֶער מִינוּט אִיז חַיֶיעלֶע אַרַיין מִיט אַגְרוֹיסֶען זִילְבֶּער-נֶעם בֶּעכֶער.

— אִיךְ גִיבּ אַייךְ, רֶבִּי, דֶעם בֶּעכֶער, הָאט חַיֶיעלֶע, גֶעזָאגְט אִיהם דֶעם בֶּעכֶער דֶערְלַאנְגֶענְדִיג, אַ אַלְט מָאדִישֶׁער אֲפִילוּ, נוּר אִיךְ בֶּעט אַייךְ, תֵּיכֶף נָאךְ יוֹם טוֹב אִיהם אָבְּבְּרֶענְגֶען; אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם, אַז אִיךְ וֶועל זוֹכֶה זַיין מַיין עֶרְשְׁט קִינְד צוּ דֶער חוּפָּה פִירְהן, וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען דֶעם בֶּעכֶער מְסַדֵר קִדּוּשִׁין צוּ זַיין אוּנ דֶערְנָאךְ אִיהם אַוֶועקְשֶׁענְקֶען אִין שׁוּל צוּ קִידוּשׁ אוּנ הַבְדָּלָה.

– אֱלִיָהוּ הַנָבִיא מָאג עֶס הֶארן! הָאט שִׁימֶעלֶע אַ זָאג גֶעטְהוּן, אַדְרַבָּה, זָאל עֶר זַיסְעֶן פוּן וָואס פַאר אַ בֶּעכֶער עֶר וֶועט טְרִינְקֶען זַיין כּוֹס, אִין דֶער דָאזִיגֶער נאכְט פוּן פֶּסַח, נוּר זָאגְט מִיר, חַייֶעלֶע, מֶען דַארְף אִיהם כַּשֶׁרְן?

– עֶר לִיגְט שׁוֹין אִין קַאמָאד בַּיי מִיר אֶפְשָׁר צֶעהן יָאהר נִיט גֶענִיטְצְט, הָאט חַייֶעלֶע גֶעאֶנְטְוֶוערְט, וָואס קָאן עֶס שַׁאדֶען, כַּשֶׁר׳ט אִיהם, קַאלִיע מַאכְט עֶס נִיט.

– אִיךְ וֶועל אִיהם כַּשֶׁרְן אוּנ תֵּיכֶף נָאךְ יוֹם טוֹב בְּרֶענְג אִיךְ אִיהם אַייךְ אִין שְׁטוּב אַרַיין מִיט דַאנְק. הָאט אַייךְ אַ גוּטֶע נַאכְט, אַ גוּטֶען יוֹם טוֹב! הָאט שִׁימֶעלֶע צוּגֶעוואוּנְשֶׁען אוּנ שׁוֹין גֶעוָואלְט אַרוֹיסְגֶעהן.

– בִּיז יוֹם טוֹב, וֶועט אִיהר שׁוֹין בַּיי אוּנְז נִיט זַיין, רֶבִּי? הָאט חַייֶעלֶע גֶעפְרֶאגְט.

– וִויפִיעל בְּלַייבְּט דֶען נָאךְ בִּיז יוֹם טוֹב? הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט. קֵיין צַייט נִיטָא, מֶען מוּז מַיין אַלְטֶער אַ בִּיסֶעל צוּ הֶעלְפֶען, אַ קְלֵיינִיגְקֵייט אַזַא יוֹם טוֹב!

– לָאזְט אַייךְ נִיט בֶּעטֶען הָאטְשׁ יוֹם טוֹב אוֹיף כָּבוֹד. רֶבִּי קְרוֹין, אִיהר וֶוענְט בַּיי מִיר אַ גַאנְץ טְהַייֶערֶער גַאסְט. – שִׁימֶעלֶע הָאט צוּגֶעזָאגְט צוּ קוּמֶען אוּנ אִיז אַהֵיים אַוֶועק.

גָאט שִׁיקְט צוּ אוּנ פֶּערְלָאזְט קֵיין יוֹדֶען נִיט, וָואס אִיז זִיךְ מַמִית זַיינֶע מִצְוֹת אָבּ־צוּהִיטֶען, הָאט שִׁימֶעלֶע זַיין וַוייבּ גֶעזָאגְט תֵּיכֶף וִוי עֶר אִיז אִין זַיין שְׁטִיבֶּעל אַרַיינְ־גֶעקוּמֶען, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אַ מֶעלְקֶענְדִיגֶע קוּה מִיט אַ קַאלְבּ... עֶס וֶועט שׁוֹין אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם, נִיט פֶּעהלֶען אַ קֶערְבֶּעל אַז מֶען וֶועט דַארְפֶען!

– וֶוער דֶען וֶועט צוּ שִׁיקֶען אַז נִיט עֶר? הָאט דָאס וַוייבּ גֶעאֶנְטְפֶערְט פְּרוּם אוּנ צוּפְרִידֶען. בֵּיידֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעטְצְט בֶּעקְלֶארן וִוי אַיינְצוּשְׁפָּארן עֶטְלִיכֶע קָאפֶּעקֶעס עֶס זָאל בְּלַייבֶּען אַ פָּאר גִילְדֶען, וָואס מֶען מוּז הָאבֶּען אוֹיף צְוֵויי אַרְשִׁין וָואלְאַטְלֶעס אַיינְצוּנֶאהֶען אַ פָּאר נַייֶע אַרְבֶּעל אִין ר׳ שִׁמְעוֹן׳ס לַאסְטִינְגֶענֶער קַאפָּאטֶע, דִיא אַלְטֶע אַרְבֶּעל זֶוענֶען שׁוֹין צוּ פַאלֶען אוּנ דָאס אִיז דֶער אֵיינְצִיגֶער בֶּגֶד וָואס עֶר הָאט נָאךְ יוֹם טוֹב אָנְצוּטְהוּן.

## ב.

דֶעם גַאנְצֶען טָאג הָאט דָאס שְׁטֶעדְטֶעל גֶעקָאכְט, פוּן שַׁייֶערן אוּנ כַּשֶׁרְן, פוּן וַואשֶׁען אוּנ שָׁאבֶּען טִישֶׁען, שְׁטוּהלֶען אוּנ שְׁקַאפֶעס; אִין דֶער פְרִיה הָאט מֶען דֶעם חָמֵץ פֶערְבְּרֶענְט, דִיא ווינְטֶער פֶענְסְטֶער אַרוֹיס גֶענוּמֶען, דִיא שׁוֹיבֶּען אוֹיסְגֶעוַואשֶׁען, דִיא שְׁטְרוֹיא אוּנ הֵיי אַרוֹיסְגֶעטְרָאגֶען, אוֹיסְגֶעשָׁאטֶען אוֹיפֶן גַאס, נִיט וַוייט פוּן דִיא טְהִירֶ׳ן, וואוּ קְלֵיינִיצֶער צִיגֶען אוּנ חֲזֵירִים הָאבֶּען בְּשׁוּתָּפוּת גֶעגֶעסֶען אוּנ גֶעזוּכְט. קֵיינֶער הָאט קֵיין צַייט גֶעהַאט, זֵיי אַוֶועג צוּ טְרַייבֶּען; מַאנְסְלַייט זֶוענֶען מִיט דִיא קְלֶענֶערֶע יוּנְגְלֶעךְ גֶעגַאנְגֶען מִיט בּוּטְלֶען לֶעדִיגֶע צוּ ר׳ שְׁמוּאֵל׳ן אִין נַויין קֶעהלֶער קוֹיפֶען וַויין אוֹיף אַרְבָּעָה כּוֹסוֹת, אַנְדֶערֶע הָאבֶּען טֶעלֶער, גְלֶעזֶער אוּנ טַאצֶען גֶעטְרָאגֶען צוּם שְׁטַאוו טוֹבֵל זַיין. דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען דִי אֵייוֶוענְס אוּנ דִי טֶאפּ גֶעבְרֶענְט אִין דֶער הֵיים אוּנ דָארְט הָאט זִיךְ זֵייעֶרֶע אוֹיסְגֶעהַארוֶועטֶע גֶעזִיכְטֶער אָנְגֶעבְרֶענְט אוּנ גֶעבְרֶענְט בִּיז דָאס חָמֵץ׳דִיג בִּיסֶעל זַאפְט, וָואס בַּארִ׳ן וַואר נָאךְ אִיז אִין גַאנְץ

אוּנ הָאבֶּען כָּשֵׁר'ע אוּנ פֶּסַחדִיגֶע דֶעם אָבֶּענְד דֶערְוַואַרְט, צוּ הֶארֶן דִי הַגָּדָה פוּן זֵייעֶרֶע מָאגֶען בַּיי אַ שֶׁאנֶעם, מִיט כּוֹסוֹת אוּנ מִיט נַייֶע כֵּלִים בֶּעדֶעקְטֶען טִישׁ. וִוי פַאר יָאהרֶן. וִוי פַאר פִיעל הוּנְדֶערְטֶען יָאהרֶן צוּרִיק.

עֶס אִיז נַאכְט גֶעוָוארֶן, ר' שְׁלֹמֹה מִיט זַיין פְרוֹי הָאבֶּען דֶעם סֵדֶר גֶעפְּרַאוֶועט בַּיי חַייֶעלֶען; עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז אָהְן אִיהם אִיז דָארְט גִיטָא וֶוער עֶס זָאל דֶעם סֵדֶר פְּרַאוֶוען אוּנ הָאט נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶאג פְרִיהֶער אָנְגֶעזָאגְט, אַז עֶר וֶועט דִיא סְדָרִים אָבְּרִיכְטֶען צוּזַאמֶען מִיט חַייֶע'לֶען אוּנ מִיט דִי יְתוֹמִים. קוּמֶענְדִיג פוּן שׁוּל אִיז דִיא שְׁטוּבּ צוּגֶעפּוּטְצְט גֶעוֶועזֶן, לִיכְטִיג אוּנ שֶׁאן, דֶער גְרוֹיסֶער טִישׁ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט מִיט זִילְבֶּערְנֶע שֶׁאנֶע לַייכְטֶער, שֶׁאנֶע קְרִיסְטָאלֶענֶע גְלֶאזֶער אוּנ כּוֹסוֹת, אַזוֹי וִוי אַלֶע יָאהר; נוּר אַ טִיפֶער אוּנ אַ פְרֶעסֶענְדֶער אוּנְמוּטְה אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף רָחֶל'עֶן, זִי הָאט צוּ לִיכְט בֶּענְשֶׁען זִיךְ גוּט אוֹיסְגֶעווֵיינְט אוּנ זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען נִיט מֶעהר אַ טְהְרֶער אַרוֹיס צוּלָאזֶען, קֵיינֶעם דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁאנֶעם אוּנ רֵיינֶעם יוֹם טוֹב נִיט צוּ פֶערְשְׁטֶארְן. חַייֶעלֶע אִיז אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט גֶעוֶועזֶן, הַאלְבּ אַלְמָנָה'דִיג הַאלְבּ פְּרַאנְטִיכֶע, וָואס הָאט אִיהר צוּגֶעגֶעבֶּען נָאךְ מֶעהר חֵן וִוי גֶעוָואהנְלִיךְ. מֶען הָאט זִיךְ צוּם סֵדֶר גֶעזֶעטְצְט, בֶּערֶעלֶע שְׁפַּאק אוּנ פֵּיינֶע דִיא אַלְטֶע זֶענֶען אוֹיךְ בַּיי'ם טִישׁ גֶעזֶעסֶען. בֶּערֶעלֶע הָאט שְׁטַארְק גֶעקוּקְט וִוי ר' שְׁלֹמֹה פְּלַאנִירְט דִיא קְעָרָה, זַיין קָאפּ הָאט אָבֶּער פָּארְט נִיט גֶעטְרָאגֶען פוּן קוּקֶען אַלֵיין צוּ בֶּעגְרֵייפֶען רִיכְטִיג, וואוּ עֶס דַארְף לִיגֶען דִי זְרוֹעַ, וואוּ דֶער מָרוֹר אוּנ וואוּ דִי חֲרֹסֶת; ר' שְׁלֹמֹה הָאט צוּגֶעזֶעהן זַיין צַעַר אוּנ הָאט בֶּערֶעלֶעס קְעָרָה גֶעמַאכְט פּוּנְקְט וִוי זַיין אֵייגֶענֶע, עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אָנְגִיסֶען דִיא כּוֹסוֹת אוּנ הָאט גֶעמַאכְט קִידוּשׁ, נָאךְ אִיהם הָאבֶּען דִי בֵּיידֶע יוּנְגְלֶעךְ אוֹיךְ גֶעמַאכְט דֶעם קִידוּשׁ פוּן דֶער הַגָּדָה אַרוֹיס, אוּנ בֶּערֶעלֶע הָאט בֶּענוּטְצְט דִי גֶעלֶעגֶענְהֵייט אוּנ הָאט אוֹיךְ זַיין כּוֹס גֶענוּמֶען אִין הַאנְד אַרַיין, נָאכְגֶעזָאגְט קִידוּשׁ אוּנ זִיךְ אוֹיסְגֶערֶעדְט הַיינְטִיגְס מָאל פוּן דִיא נִיט בֶּעקֶענְטֶע עִבְרִי, בִּפְרַט אִין יֶענֶע עֶרְטֶער וואוּ מֶען מוּז אֵייגֶענֶע וִויסֶענְשַׁאפְט הָאבֶּען וֶועלְכֶע פוּן דִיא אָבְּגֶעצוֹימְטֶע קְלֶעטְקֶעס אַרוֹיס צוּ זָאגֶען, נוּר טְרִינְקֶען הָאט עֶר דַוְקָא אַלֵיין גֶעטְרוּנְקֶען אוּנ הָאט אִין אַ רוֹב כּוֹס קֵיין טָעוּת גֶעהַאט.

מֶען הָאט בַּאלְד אַ טַאז דֶערְלַאנְגְט מִיט אַ זִילְבֶּערְנֶע קְרוּג ר' שְׁלֹמֹה הָאט דֶעם וּרְחַץ גֶעמַאכְט. אַלֶע הָאבֶּען דִיא הֶאנְד גֶעוַואשֶׁען אָהְן דֶער בְּרָכָה עַל נְטִילַת יָדַיִם. בֶּערֶעלֶע הָאט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט בֶּעדִיגֶען אוּנ אִיז פוּן טִישׁ אַוֶועג וַואשֶׁען דִיא הֶאנְד אִין פָארהוֹיז, ר' שְׁלֹמֹה הָאט אִיהם אוֹיסְגֶערֶעדְט:

— הֲרֵי אַתָּה בֶּן חוֹרִין! הַיינְט בִּיזְטוּ אַ פְרַייֶער יוּד, וִוי אִיךְ, וִוי אַלֶע יוּדֶען! הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אוּנ וָואס פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ נִיט, אַז דִי וָואס טְרָאגֶען צוּ דָאס וַואסֶער, פֶערְדִינֶען אוֹיךְ אַ מִצְוָה? גֶעדֶענְק דָאס בֶּערֶעלֶע, פוּן נָאךְ אַ מָאל וֶוענֶען, פֶּסַח זֶענֶען אַלֶע יוּדֶען פְרַייֶע לַייט, פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ?

— אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה, הָאט בֶּערֶעלֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט פֶערְשֶׁעמְט.

מֶען הָאט דִי הַגָּדָה אָנְגֶעהוֹיבֶּען זָאגֶען, אוּנ דָאס עֶלְטֶערֶע יוּנְגֶעל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען „מַה נִּשְׁתַּנָּה"; נוּר אַזוֹי וִוי זַיין רֶבִּי הָאט אִיהם צוּזַאמֶען מִיט דִיא אִיבְּרִיגֶע חֶדֶר יוּנְגְלֶעךְ גֶעלֶערְנְט—הָאט עֶר פֶערְגֶעסֶען אִיהם בֶּעזוּנְדֶער אָנְצוּזָאגֶען, עֶר זָאל נִיט זָאגֶען: „טַאטֶע". דָאס קִינְד הָאט דֶעם נוּסַח גֶעזָאגְט וִויא פַאר יָאהרֶן: „טַאטֶע

איך וועל ביי דיר פרעגען פיער קשיות״, רחל׳ע, וועלכע איז נעבען קינד געזעסן האט אנגעהויבען וויינען נאך איהר דיא מוהמע דבורה. אויך חיה׳לע האט געוויינט; ר׳ שלמה האט אויך ניט געקאנט די טהרערן אבהאלטען און זיי זענען איהם איבערן באַרד אויף דער הגדה געפאלען. דאס קינד האט זיין גבייז ניט בעמערקט, און האט ווייטער דעם מה נשתנה ניט געקאנט זאגען.

ר׳ שלמה האט זיך גוט אויסגעוויינט, אבגעווישט די טהרערן, א קלאפ געטהון מיט זיין האנד איבער דער הגדה, און האט געזאגט:

— נו, זאל זיין גענוג! גענוג, זאג איך אייך! איהם האבען מיר זיין כוס פאל מיט טהרערן אבגעגעבען... איצט איז יום טוב, זמן גאולתנו, היינט דארפען מיר יודען זיך פרעהען ערצעהלענדיג די גאולה פון אמאל. און האפען צו גאט אויף דער גאולה וישועה וואס וועלן נאך קומען! ווייסט איהר, ווי שווער דער גלות מצרים איז געוועזן, ווי מען האט דארט אונזערע אבות געפייניגט, מיט ליים און ציגעל און שווערע ארבייט? מען האט יודישע קינדער אין דיא וועגט איינגעמויערט, מען האט זייא לעבעדיגע אין טייך אריינגעווארפען, די שוטרים און די נוגשים האבען זיי געשלאגען, מאנער האבען זיך מיט זייערע ווייבער צושיידט, ווייבער זענען אלמנות—און קינדער זענען יתומים—געבליבען, יעדער האט בעסער שטארבען געוואלט איידער צו לעבען אין אזא ביטערן גלות; נור גאט האט אונזער פיין און ליידען צו געזעהן און האט אונז א גאולה צוגעשיקט דורך זיין קנעכט משה׳ן, מיט נסים און מופתים אונז פון לאנד מצרים בעפרייט, פאר אונז דעם ים געשפאלטען, אין דער מדבר אונז מיט מן געשפייזט, פון א שטיין אונז וואסער געלאזט טרינקען, וועל כלם אונז דיא תורה הקדושה געגעבען אויף דעם בארג סיני. אין דער תורה הייסט ער גלויבען אין איהם און מיר מאגען איהם גלויבען! מיר דארפען האפען ער וועט אונז אויך אויסלייזען פון היינטיגען גלות, און יעדען איינציגען פון אונז טרעסטען און מקלא זיין וואס אונז פעהלט. מען טאהר ניט וויינען, יום טוב, נור צו גאט האפען!...

און דוא מיין קינד, הייב אן דעם „מה נשתנה״ נאך א מאל און זאג: „פעטער, איך וועל אייך פרעגען פיער קשיות!״. דיין טאטע איז שוין געשטארבען און איז שוין איצט א גוטער מליץ פאר אונז אלעמען, זאג זשע „פעטער״!

דאס קינד האט די פיער קשיות געפרעגט מיט דעם נייען נוסח. ר׳ שלמה האט געאנטווערט: איז דער תרוץ, „עבדים היינו לפרעה במצרים״, מיט דעם אלטען נגון הויך אויף׳ן קול. בערעלע האט נאכגעצויגען, אויך א יודישער סאלדאט און א פאר בטלנים, וואס האבען דא פסח געגעסען האבען זיך צולאזט אין דער הגדה אריין און מען האט קיין וויינען מעהר געהערט. ר׳ שלמה האט ניט געלאזט אונמוטהיג זיין, און בערעלע, וועלכער איז ערשט אריין אין רעכטען טאן האט זיך אויפגעהערט שאמען מיט זיינע עברי און האט מיט ר׳ שלמה׳ן מיטגעזונגען. ווי ביטער עס איז אויך צום מוטה געוועזן האט מען געמוזט אפט א שמייכעל טהון פון בערעלעס עברי און פון זיין קול נגינה, אז דער פעטער האט בעמערקט דאס מאכט דעם עולם לוסטיג האט ער בערעלען אונטערגעגעבען חשק ער זאל ניט קוקען וואס מען לאכט, און זאגען ווייטער מיט דעם נגון און איהם מבטיח געוועזען, אז דער רבונו של עולם

האָט אַ הֲנָאָה פון איהם אונ בֶּערֶעלֶע האָט גֶעזָאגְט אונ גֶעזוּנְגֶען. גֶעטְרוּנְקֶען דיא כּוֹסוֹת אונ גֶעשְׁלוּנְגֶען דיא פֶּסַחְדִיגֶע הַאלְקֶעס בִּיז נָאךְ דֶעם אַפִּיקוֹמָן. בִּיז נָאךְ חַד גַּדְיָא. אֲפִילוּ שִׁיר הַשִּׁירִים האָט עֶר נִיט פֶערְפֶּעהְלְט.

אוֹיף מָארְגֶען אִיז ר' שִׁימֶעלֶע גֶעקוּמֶען בְּרָכָה מַאכֶען. אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט אִיז עֶר גֶעוֶועזֶן אִין בִּגְדֵי מַלְכוּת. אַ אַלְטֶער טוּכֶענֶער וַואטָאוֶוער מַאנְטֶעל אִיז נור אוֹיפְּגֶעהַאנְגֶען גֶעוֶועזֶן אוֹיף זַיינֶע פְּלֵייצֶעס אונ דִי אַרְבֶּעל הָאבֶּען אוּמְגֶעשְׁוואוּמֶען אִין דִי לוּפְטֶען פון בֵּיידֶע זֵייטֶען. אַריינְקוּמֶענְדִיג האָט עֶר דֶעם מַאנְטֶעל נִיט אוֹיסְגֶעטְהוּן, עֶרְשְׁט דאַן אַז חַיֶיעלֶע אִיז אַריינְגֶעקוּמֶען אונ עֶר האָט אִיהר דֶעם „גוּט יוֹם טוֹב“ אָבְּגֶעזָאגְט אונ מֶען האָט אִיהם וַויין מִיט כִּבּוּדִים צוּגֶעטְרָאגֶען – האָט עֶר דֶעם מַאנְטֶעל אַרָאפּ גֶעוָוארְפֶען פון זִיךְ אונ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין זַיין גְרִינֶער לַאסְטִינְגֶענֶע קַאפָּאטֶע מִיט אַ פָּאר שְׁוַוארְצֶע וָואלְאַטְלֶעסֶענֶע אַרְבֶּעל. אוֹיךְ זַיין בַּייֶע הִיטֶעל האָט כִּמְעַט אַזָא פְּנִים גֶעהַאט וִוי דִי קַאפָּאטֶע, וָוארוּם נָאךְ אַלֶע גְלִיקֶען אִיז אִיהם מֶעהר וִוי צְוֵויי גִילְדֶען נִיט גֶעבְּלִיבֶּען אונ פַאר צְוֵויי גִילְדֶען האָט דֶער קִירְזְנֶער אִיהם אַריינְגֶערוּקְט אַ הִיטֶעל פון עֶטְלִיכֶע שְׁטִיקֶער גֶעניצֶעוֶועטֶע גֶעוַואנְט, וָואס הָאבֶּען דיא מַרְאֶה גֶעהַאט פון זַיין קַאפָּאטֶע אונ פון זַיינֶע אַרְבֶּעל.. אַזוֹי שְׁוַוארְץ אונ גְרִין וִוי דִי קַאפָּאטֶע אִיז אוֹיךְ זַיין מָאנֶער גֶעזִיכְט גֶעוֶועזֶן. רָחֵלֶע האָט אִיהם דֶערְזֶעהְן אִין זַיין אָרֶעמֶען פּוּטְץ. אונ זַיין עָלֶענְדֶעס אוֹיסְזֶעהְן האָט אִין אִיהר הֶערְצֶען אַ רַחֲמָנוּת אוֹיפְגֶעוֶועקְט. זִיא האָט אִיהם זֶעהר פְרֵיינְדְלִיךְ „גוּט יָאהר“ גֶעאֶנְטְוֶוערְט אוֹיף זַיין „גוּט יוֹם טוֹב“.

ר' שִׁימֶעלֶע האָט בְּרָכָה גֶעמַאכְט, צוּגֶעוואוּנְשֶׁען לְחַיִים חַיֶיעלֶען אונ האָט פֶערְבִּיסֶען מִיט אַ שְׁטִיק טָארְט, וָועלְכֶע עֶר האָט גֶעטוּנְקְט אִין וַויין. עֶר האָט אָבְּגֶעבְּרָאכֶען אַ שְׁטִיק טָארְט אונ האָט דֶערְלַאנְגְט זַיינֶע תַּלְמִידִים. דִי קִינְדֶער הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט צוּנֶעהְמֶען.

– גֶעהְמְט נַארְרן! האָט עֶר גֶעזָאגְט, אִיצְט בִּין אִיךְ נִיט אַייֶער רֶבִּי, האָט קֵיין מוֹרָא, אִיךְ הָאבּ אַייךְ אַלֶע מָאל מֶעהר לִיעבּ וִויא אַנְדֶערֶע קִינְדֶער. וַוייל אִיהר זֶענְט גוּטֶע, קְלוּגֶע קִינְדֶער! בֵּיי דִיא רֵייד האָט עֶר מִיט זַיינֶע אוֹיסְגֶעטְרִיקְנְטֶע הֶענְדְט זֵיי גֶעגְלֶעט אונ אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען אִין קָאפּ. חַייֶעלֶע האָט דִי קִינְדֶער גֶעהֵייסֶען צוּנֶעהמֶען בַּיים רֶבִּין, וָואס עֶר גִיט; עֶר האָט זֵיי אוֹיךְ וַויין גֶעגֶעבֶּען אונ גֶעזָאגְט אַ דִין: וַויין אִיז אַ חָשׁוּבֶע מַשְׁקֶה אונ מֶען מוּז אַ בְּרָכָה מַאכֶען פְרִיהֶער אוֹיף דֶעם וַויין: בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן אונ דֶערְנָאךְ אוֹיף דֶעם טָארְט: בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת, אִיז דָאס אַלְץ גֶערֶעדְט, האָט עֶר עֶרְקְלֶערְט. אַז מֶען האָט וַויין, אָבֶּער אַז עֶס אִיז נִיטָא קֵיין וַויין אונ מֶען מַאכְט בְּרָכָה אוֹיף בְּרוֹינְפֶען, מַאכְט מֶען פְרִיהֶער אַ בְּרָכָה אוֹיפְ'ן טָארְט אונ דֶער נָאךְ אוֹיפְ'ן בְּרוֹינְפֶען: שֶׁהַכֹּל נִהְיָה בִּדְבָרוֹ. גֶעדֶענְקְט זְשֶׁע קִינְדֶער! עֶר האָט זַיין תּוֹרָה נָאךְ אַ מָאל אִיבֶּער גֶעפְרָאגְט אונ דִי קִינְדֶער הָאבֶּען דֶעם עֶקְזַאמֶען פון דִי בְּרָכוֹת אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען. דֶערְנָאךְ האָט עֶר פֶערְזוּכְט פון דִי אַנְדֶערֶע כִּבּוּדִים, אונ האָט זִיךְ גוּט עֶרְקוּנְדִיגְט פון וָואס זֵיי זֶענֶען גֶעמַאכְט גֶעוָוארן, אַלְץ צוּ לִיעבּ דֶער בְּרָכָה. מֶעהר וִוי אַלֶעס האָט עֶר גֶעלוֹיבְּט דִיא אִיינְגֶעבֶּערְלֶעךְ, אונ האָט דָאקְטָארְיָע גֶעזָאגְט אַז אִיינְגֶעבֶּערְלֶעךְ זֶענֶען גֶעזוּנְד צוּם מָאגֶען אונ אַז מָשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען וֶועלֶן אַלֶע יָמִים טוֹבִים בָּטֵל וֶוערן אֲפִילוּ פֶּסַח נור פּוּרִים וֶועט בְּלַייבֶּען. אַזוֹי וֶועלֶן דַאמָאלְס אוֹיךְ אַלֶע כִּבּוּדִים בָּטֵל וֶוערן נור דֶער

אײַנגעבערלעך כּבוד, װעט בלײַבען, װײַל אײַנגעבערלעך פאַלירט דעם מאָגען.

— רבּי, בּלײַבּט בּײַ אונז אויף מיטאָג! האָט חײַעלע זעהר פריינדליך געבּעטען. שימעלע האָט אַ אויג געװאָרפען אויף רחלען און האָט בּאַלד פערשטאַנען אַז איהר איז דיזע אײַנלאַדונג ניט לרצון.

— איך װאָלט װיסען פריהער װאָלט איך אָנגעזאָגט דער אַלטער מײַנער, אַז זי זאָל ניט װאַרטען אויף מיר מיט מיטאָג. האָט ער געגעבען צו פערשטעהן, איצט װאָרט זי מיט די קינדער און עס איז אַ רחמנות אויף זיי.

— קומט אַרײַן האָטש אַבּיסעל בּײַ טאָג, האָט חײַעלע געבּעטען. איך װיל נאָך איבּערערעדען מיט אײַך װעגען דיא קינדער אויף דעם נײַען זמן; װײסט איהר, איך װיל ניט אַז בּײַ אײַך זאָל בּלײַבּען אונזער שבּת׳ס יונגעל. אַ שאַנער מענש איז זײַן טאַטע! ער זיטצט שוין בּרוך השם פאַר אַ גנבה׳לע געבּיך. דער מאַמען זײַנער האָט מען געסוזט אויף יום טוב פון מעות חטים אַרײַנשיקען. מיר שטעהט נאָר ניט אָן אַז מײַנע קינדער זאָלען לערנען אין איין חדר מיט זײער קינד.

— אַ שאָד אפילו, האָט שימעלע בּעדויערט, דאָס יונגעל איז אַ שטיל קינד, און לערנט ניט שלעכט, נור אַז איהר װילט ניט, װעל איך אײַער רצון ניט אַריבּער; חול המועד, אם ירצה השם, שיק איך אַרײַן זײַנע ספרים אין שטוב אַרײַן און דאָס איז גלײַך װיא מען שיקט אָב אַ חתן כּלה דיא תּנאים... זײַן מאַמע װעט זיך שוין שטויסען װאָס מען מײנט... אַ גוטען יום טוב!

חול המועד איז שימעלע אַ פּאָר מאָל נאָך מעריב אַרײַנגעקומען טהיי טרינקען און האָט מיט חײַעלען גערעדט פעסט מכּח דעם ענין הידוע. ער האָט איהר מבטיח געװעזן אַז דאָס איז אַ גליק פאַר איהרע קינדער, צו ליב דעם װעט זיא קאָנען מיט רחלען דעם שאַנסטען שידוך טהון. חײַעלע האָט איהם אָבער אַלץ בּעװיזען, דאָס זיא טאָהר פריהער קיין שידוך טהון מיט זיך איידער זיא װעט איהר רחלען חתונה מאַכען. קײנער װײס ניט, װאָס װעמען דער שוך קװעטשט האָט זיא ערקלאַרט.

שביעי של פּסח בּײַ טאָג איז רחלע געװעזן מיט איהרע בּרידערלעך און שװעסטערל בּײַ׳ם פעטער ר׳ שלמה׳ן צו גאַסט; דיא מוהמע דבורה האָט זיי מכבּד געװעזען מיט איהרע בּעסטע כּבודים, ר׳ שלמה האָט זיך מיט די קינדערש געמאַכט און האָט מיט זיי אין ניס געשפּילט, מיט זיי געשטיפט, און געלאָזט זיך פערבּלענדען די אויגען בּעת זיי האָבען געשפּילט אין בּלינדע קוה׳. דאָס האָט דיא קינדער זעהר אַמוזירט, זיי האָבען געלאַכט און געפּראַהט זיך פון גאַנצען הערצען. רחלע װאַר אויך גליקליך צו זעהן דאָס פערגניגען פון דיא קינדער און דעם פעטערס ליעבּע און טרײַהײַט צו זיי. זי איז צו איהם צוגעגאַנגען, אָנגענומען זײַן האַנד און קושענדיג זי האָט זיא געזאָגט:

— װי גיט עלענד װענען מיר אַז מיר װענען בּײַ אײַך, ליעבּער פעטער! אַז איהר רעדט מיט מיר, הער איך מײַן זעליגען פאָטערס שטימע, אַז איהר שפּילט מיט זײַנע יתומים׳לעך פיהל איך זײַנע טרײַהײַט צו אונז אין אײַך, לעבּט אונז, ליעבּער פעטער, נאָך הונדערט יאָהר!

— מַיין לִיעבּ קִינְד, הָאט ר' שְׁלֹמה גְעאֶנְטְוֶוערְט, דוּ זָאגְסְט אֱמֶת, אִיךְ לֶעבּ נוּר צוּ לִיעבּ אַייךְ, אִיךְ ווייס נִיט ווִי עֶס וָואלְט דַאמָאלְס גֶעוֶועזְן וֶוען אִיךְ וָואלְט גֶעהַאט אֵיינְגֶענֶע קִינְדֶער וֶועמֶען צוּ לִיעבֶּען אוּנ טְרַייא צוּ זַיין, נוּר אִיצְט אִיז מִיר קְלָאר ווִי דֶער טָאג. אַז נוּר צוּ לִיעבּ אַייךְ, אִיךְ זָאל אַייךְ קָאנֶען טְרַיי זַיין, הָאט גָאט בָּרוּךְ הוּא מִיךְ לֶעבֶּען גֶעלָאזְט לֶענְגֶער פוּן מַיינֶע יוּנְגֶערֶע בְּרִידֶער, דַארִיבֶּער טָאהר אִיךְ גָאר נִיט קְלֶארְן אַז אִיהר זֶענְט נִיט מַיינֶע קִינְדֶער... מַיינֶע אֵייגֶענֶע זֶענְט אִיהר, אַייֶערֶער בִּין אִיךְ, צוּ לִיעבּ אַייךְ לֶעבּ אִיךְ!.. זַיי זֶשֶע מִיר, מַיין לִיעבּ קִינְד, אַ גוּטֶע, אַ פְרוּמֶע טָאכְטֶער, אִיךְ זָאל נָאךְ פִיעל נַחַת פוּן דִיר אוּנ פוּן דַיינֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ דֶערְלֶעבֶּען, ווִי אִיךְ ווִינְשׁ אַייךְ אוּנ ווִי אִיךְ בֶּעט בַּיי גָאט פַאר אַייךְ!

— טְהַייעֶרֶע פֶעטֶער, הָאט זִיא אוֹיסְגֶערֶעדְט זֶעהר גֶערִיהרְט פוּן זַיינֶער טְרַייהֵייט, זַייט אוֹיךְ אַזוֹי גוּט אוּנ אַזוֹי טְרַיי צוּ מֹשֶׁה'לֶען, וֶועלְכֶער אִיז נָאךְ מֶעהר עֶלֶענְדֶער יָתוֹם ווִי מִיר! עֶר אִיז אוֹיךְ אַייֶער קִינְד, זַייט אִיהם אוֹיךְ אַ פָאטֶער, זָאל אַייֶער גוּט הַארְץ נִיט צוּטְהֵיילְט זַיין: אוּנְז לִיעבּ–אוּנ אִיהם פַיינְט – צוּ הָאבֶּען.

— נֵיין, מַיין טָאכְטֶער, הָאט דֶער אַלְטֶער מִיט אַ זִיפְץ גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אִיהם טָאהר אִיךְ נִיט לִיעבּ הָאבֶּען, עֶר אִיז וַוייט פוּן מִיר, אוּנ אִיךְ מוּז ווִי אַ פְרוּמֶער יוּד אוֹיךְ מַיין הֶערְץ פוּן אִיהם דֶערְוַוייטֶערְן! עֶר פֶערְדִינְט עֶס כָּשֵׁר, עֶר אִיז אַ שֵׁייגַאץ!

— עֶר אִיז וַוייט פוּן אוּנְז? אֱמֶת, הָאט זִיא אוֹיסְגֶערֶעדְט, אָבֶּער נָאהֶענְט צוּ אוּנְזֶער לִיעבֶּען גָאט, אַזוֹי נָאהֶענְט ווִי מִיר! עֶר אִיז נָאהֶענְט צוּ אוּנְזֶער הֶערְצֶען... פֶעטֶער, אִיךְ מוּז אַייךְ דֶעם אֱמֶת זָאגֶען: פֶערְדִינְט עֶר, אִיהר זָאלְט אִיהם פַיינְדְט הָאבֶּען, פֶערְדִין אִיךְ עֶס נָאךְ מֶעהר, דֶען אִיךְ לִיעבּ אִיהם אוּנ וֶועל אִיהם צוּ לִיעבֶּען נִיט אוֹיפְהֶערְן זֶעלְבְּסְט וֶוען צוּ לִיעבּ דֶעם וֶועט אִיהר מִיךְ פַיינְדְט הָאבֶּען! הָאט אִיהר אִיהם פַיינְד, הָאט מִיךְ אוֹיךְ נִיט לִיעבּ!.. אִיךְ ווִיל נִיט אוּנ קָאן נִיט – גְלִיקְלִיכֶער אוּנ גֶעלִיעבְּטֶער זַיין אַלְס עֶר!... אִיךְ ווִיל אַייךְ אוֹיךְ נִיט פַאלְשׁ זַיין: בִּיז אִיצְט הָאבּ אִיךְ פוּן אַייךְ מַיין הֶערְץ הַאלְבּ פֶערְשְׁלָאסֶען בֶּעהַאלְטֶען, נִיט אַזוֹי וָואלְט גֶעשֶׁעהֶן וֶוען דֶער לִיעבֶּער פָאטֶער וָואלְט נָאךְ גֶעלֶעבְּט, אִיהם הָאבּ אִיךְ אַלֶעס עֶרְצֶאהלְט נָאךְ אֵיידֶער עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט, נוּר עֶס וַואר מַיין עֶרְצֶאהלֶען אִיבְּרִיג, עֶר הָאט עֶס גֶעוואוּסְט אוּנ מִיר גְלִיק צוּגֶעוואוּנְשֶׁען, אִיצְט אַז אִיהר זָאגְט מִיר אוּנ אִיךְ גְלוֹיבּ אַייךְ, אַז אִיהר לֶעבְּט צוּ לִיעבּ אוּנְז אוּנ אִיהר זַייט דֶעם פָאטֶערְס יְתוֹמִים דֶער צְווֵייטֶער טְרַייעֶר פָאטֶער–דַארְף פוּן אַייךְ קֵיין סוֹד זַיין, דָאס וָואס אִיז פַאר אִיהם קֵיין סוֹד נִיט גֶעוֶועהן... אִיךְ הָאבּ מֹשֶׁה'לֶען בַּיי אַלְץ וָואס מִיר אִיז הֵיילִיג צוּגֶעשְׁוָוארְן, אַז אִיךְ וֶועל זָא לַאנְג אוֹיף אִיהם וַוארְטֶען ווִי לַאנְג אִיךְ וֶועל לֶעבֶּען.... גָאט אִין הִימֶעל אִיז מַיין עֵדוּת ווִיא טְרַיי אוּנ רֵיין אִיךְ הַאלְט דִיא שְׁבוּעָה אוּנ וֶועל זִיא אוֹיךְ הַאלְטֶען אוֹיף אִימֶער! דַארִיבֶּער אִיז אַ זִינְד אַ גְרוֹיסֶע אִיךְ זָאל אַייעֶרֶע טְרַייהֵייט גֶענִיסֶען, בְּעֵת עֶר הָאט דִיזֶע גֶעעֶהרְטֶע טְרַייהֵייט נִיט!....

דֶער פֶעטֶער הָאט אַ בֶּעדוֹיעֶרְנְדֶען קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף זַיין פְּלֶעמֶענִיצֶע אוּנ הָאט גֶעזָאגְט:

— אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעוואוּסְט! דַיין מוּהמֶע וֶועט דִיר זָאגֶען ווִיפִיעל אִיךְ הָאבּ מִיר שׁוֹין מַיין קָאפּ צוּבְּרָאכֶען אַ עֵצָה צוּ גֶעפִינֶען ווִיא יוֹצֵא צוּ זַיין פַאר גָאט אוּנ פַאר

אייך ביידען מיינע ליעבע קינדער. דו מיינסט, אז איך זאג: איך האב איהם פיינדט בין איך איהם א שונא חלילה? ניין, מיין הארץ ליעבט איהם אזוי היים ווי דיך, אין כעס נור בין איך אויף איהם!... ער שרייבט: ער לערנט תורה, ער איז פרום און היט אב יודישקייט, צו וואס נארט ער מיך נאך? צו וואס גנבעט ער מיין הארץ? דערפאר בין איך אין כעס, ווארום בעט איך לייען זיינע בריוועלעך. מוז איך אין כעס זיין.. גלייכער זאל ער מיר זאגען אז ער איז א מופקר ווי אלע געשטודירטע, אט וואלט איך וויסען, אז איך האב מעהר קיין פלעמעניק ניט. דאן וואלט איך קאנען זיך מיאש זיין פון איהם. איהם פיינט האבען ווי איך האב פיינט אלע מופקרים; איצט אז ער שרייבט אבער אז ער איז פרום, ער איז א יוד, איז מיר דאס הארץ אויסגעריסען און צובראכען פאר וואס זאל ער אזוי פערבלאנזשעט זיין? איך ווייס גאנץ גוט, אז ניט איצט וועט ער שפעטער א הולטיי און א גוי ווערן; ער איז אבער מיין איינען בלוט איך האב אויף איהם רחמנות און איך האב אויף דיר אויך רחמנות וואס דו גלויבסט איהם. אזוי איז מיר מיין לעבען ביטער, ביז גאט וועט זיך ערבארעמען און בעווייזען מיר דעם אמת! — מיט דיין מוהמען רעד איך אלע נאכט פון מיין בעט אראפ, בעט מיינע דאגות, לאזען מיך ניט ענטשלאפען ווערן, גאט זאל איהר יאהרן געבען פאר איהר גוטער עצה, זיא הייסט דערווייל קוקען און שווייגען און שפעטער אז עס וועט קומען די שעה, וואס מיין דעה וועגען דעם וועט מוזען א דעה זיין און דער רבונו של עולם וועט זיך חלילה נאך ניט דערבארעמען איהם אהיים צו ברענגען, אט דאן, זאגט דיא אלטע מיינע, וויא א פרומע און קלוגע אשה — זאל איך פאהרן צו איהם זאל לעבען, און ער זאל לעבען זאל זיין עצה געבען ווי דא זיך נוהג צו זיין, איך האפע. אז דוא, מיין קינד, וועסט אויך מיט זיין עצה צופרידען זיין, ניט אמת, דוא ווייסט אליין אז זיין עצה איז גוט און קלוג?

— איך האב ניט קיין אורזאכע צו זאגען, אז זיין עצה איז ניט גוט, האט רחל'ע געאנטווערט, עס גלויבען דאך און פאהרן צו איהם אזוי פיעל יודען, מסתמא ווייס מען דאך, אז ער איז ווירקליך קלוגער און בעסער פאר אלעמען; איך וואלט איהם אלעס אויסדערצאהלען, איהם ערקלארן אלעס וואס משה'לע האט מיר ערקלערט. ער זאל מיך נור אויסהערן וועט ער געוויס קיין אנדער עצה ניט געבען, און ער וועט הייסעןווארטען אויף משה'לען; אבער דערווייל, פעטער, זייט צו איהם גוט וויא א פאטער, שרייבט איהם גוטע בריוולעך, ווייזט איהם. אז איהר זענט איהם טריי און ביידע וועלען מיר גאט בעטען פאר אייך, ער זאל אייך געזונד און יאהרן געבען. איהר זאלט לעבען נאך הונדערט יאהר און נחת דערלעבען פון דיא יתומים וואס איהר זענט זיי טריי און ליעב! זאגט מיר, פעטער, אז איהר ליעבט משה'לען, זאגט מיר, אז איהר וועט איהם פון איצט נור ברכות געבען און לאזט מיך אייער האנד קושען מיט ליעבע און דאנק פאר מיר און פאר אייער פלעמעניק!...

— אזעלכע מליצים טובים זאל גאט אונז אלעמען צושיקען, אויסצובעטען ביי איהם פאר אונז און פאר כלל ישראל אלל דאס גוטס! האט די מוהמע זיך אבגערופען, וואס פאר א טהייערער מליץ טוב דו ביזט, מיין קינד, פאר איהם! שלמה, איך זאג דיר: זיא איז געערעכט, א הארץ א הארץ פיהלט! ער איז א גוטער און א פרומער.

זאג איך דיר, אז ניט וואלט אונזער גוטע און פרומע פלעמעניצע ניט בעטען אזוי שטארק פאר איהם!... גיב איהר נאך, און בענטש מ׳שה׳לען אויך אזוי ווי דוא בענטשט זי; האט ער זיך בעגארעשט א ביסעל איז ער נאך א יונג קינד. נאט ברוך הוא וועט איהם מוחל זיין, אט געדענק מיינע רייד, דוא וועסט נאך נחת האבען פון איהם.

רחל׳ע איז דער מוהמען אויפען האלז געפאלען און האט איהר דאנק מיט הייסע קושען אויסגעדריקט און א ווארט ניט גערעדט.

— נו, זאל גאט געבען איהר זאלט אמת זאגען! זאל גאט איהם אזוי ליעבען און בענשען ווי איך ליעב און בענש איהם, ווען איך דערמאן נור זיין נאמען! האט דער אלטער אויסגערעדט און א פאר טהרערן האבען זיך בעוויזען אין זיינע אויגען. זיי געטראסט, מיין ליעב קינד, האט ער צו רחל׳ען געזאגט זיין האנד אויף איהר קאפ ארויפלעגענדיג, איהר זענט מיר ביידע גלייכע ליעבע קינדער, איהם קאן איך נאך מעהר ליעב האבען אלס דיך, נייל ער וועט א מאל מיין קדיש זיין. קיין נאהענטערן האט גאט מיר ניט געגעבען, הלואי זאל ער נור אין גיכען קומען וויא איך וועל איהם וויא א אבן טוב האלטען! גאט זאל פאר אונזער צער און טהרערן אונז נחת אבגעבען!...

— אמן! האט דיא מוהמע געאנטווערט, אמן! האט אויך רחל׳ע שטיל און פרום אויסגערעדט. דער פעטער איז געניינט געוועזן זיך פאנאנדער צו וויינען, דבורה האט דאס בעמערקט און האט איהם דערמאנט, אז עס איז שוין מנחה צייט און איהם געשיקט אין בית המדרש אריין. ער האט נאך אויסגעטרונקען א ביסעל וויין, זיך געזעגענט מיט רחל׳ען און איז אוועק מיט ביידע יונגלעך מנחה דאווענען.

אין א ווײלע ארום איז אויך רחל׳ע מיט איהר שוועסטערל אהיים געגאנגען, אין וועג האט זיא שמעלען בעגעגענט, ער האט איהר פריינדליך „גוט יום טוב״ געזאגט.

— איך בעט דיך, רחל׳ע, האט ער תחנונים׳דיג אויסגערעדט, זיי גיט אין בעס וואס איך קאן מיין הבטחה ניט מקיים זיין און געה צו אייך אזוי אפט; דוא ביזט דאך קיין נאר ניט און דוא ווייסט, אז הרבה שלוחים למקום, דאס איז טייטש: דער רבונו של עולם האט פיעל שלוחים זיין ווילען אויסצופיהרן א חוץ מיר אויך... וואס וועט דיר בעסער זיין, אז ערגעץ א אנדער יוד, אפשר נאר ניט אזא נצרך ווי איך — וועט אויספיהרן דעם ענין הידוע און וועט פערדינען דיא עטליכע רובעל וואס איך קאן זיי פערדינען? ווייסטו וואס איך וועל טהון מיט דעם געלד? בנאמנות, זיך ניט בויען א הויז! פשוט, איך וועל זעהן איינע פון מיינע בנות חתונה צו מאכען... איך זאל נור א פופציג קארבלעך האבען, אויף קליידער און חתונה הוצאות. וועל איך שוין בעקומען אין בית המדרש פאר איהר א ארעם בחור, נאך דער חתונה וועט ער אויך קאנען זיין א מלמד וויא איך; גאט ברוך הוא שפייזט אלעמען, עס וועט פאר איהם זיך אויך געפינען מסתמא. היינט פערשטעהסטו שוין פאר וואס איך קאן מיין הבטחה ניט מקיים זיין?...

די שטימע זיינע מיט וועלכער ער האט זיינע רייד גערעדט איצט, די קנייצען אויף זיין שטערן, און זיין ארעמע האפנונג אויף אזא טרויעריגע צוקונפט פאר זיין

טָאכְטֶער, הָאבֶּען אִיהר גוּט הַארְץ בֶּעהֶעגְט אוּנ זִיא הָאט אִיהם אִין הֶערְצֶען אַלֶעס מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען.

— רֶבִּי, הָאט זִי גֶעזָאגְט, נִיט הָאט קֵיין פַארִאִיבֶּעל אוֹיף מִיר, אִיךְ בִּין ווִירְקְלִיךְ נִיט קְלוּג גֶעוֶועזֶען בְּעֵת אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעבֶּעטֶען, צוּ אוּנְז נִיט אַריינְקוּמֶען. זַייט מִיר מוֹחֵל, אִיךְ וֶועל שׁוֹין מֶעהר אַזַא נַארְרֶעשְׁקֵייט נִיט טְהוּן, אִיהר זֶענְט גֶערֶעכְט: נָאט הָאט פִּיעל שְׁלוּחִים, זַיין ווִילֶען מוּז גֶעשֶׁעהֶען, אִיז נִיט דוּרְךְ דֶעם וֶועט עֶס דוּרְךְ אֵיין אַנְדֶערְן אוֹיסְגֶעפִּיהְרְט וֶוערְן... נוּר אַייֶער טָאכְטֶער, גְלוֹיבְּט מִיר, רֶבִּי, ווִינְשֶׁע אִיךְ בֶּעסֶערֶע גְלִיקֶען, אַלְס אִיהר זֶעהט פַאר אִיהר... הָאפְט צוּ נָאט, עֶר קָאן אַייךְ פַאר אַייֶערֶע קִינְדֶער נָאךְ פִּיעל גְלִיק צוּשִׁיקֶען! מִיר זֶענֶען גוּטֶע פְרַיינְד רֶבִּי, אַיָא אִיהר הָאט מִיר מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען?

— זַיי נוּר דוּא מִיר מוֹחֵל, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דִיר מוֹחֵל בִּמְחִילָה גְמוּרָה, נָאט זָאל מִיר אַזוֹי אַלֶע מַיינֶע זִינְד מוֹחֵל זַיין! דוּא מֵיינְסְט אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה נִיט דֶעם צַער פוּן קִינְדֶער בַּיי אַזַא עִנְיָן? אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה, אוּנ דֶערְפַאר טְהוּט מִיר מַמָשׁ דָאס הַארְץ וֶועה, נוּר אוֹיךְ דִיא אֵיינֶעגֶע מַעֲשֶׂה, פַאר וָואס זָאל אִיךְ עֶרְגֶער אָדֶער בֶּעסֶער זַיין פַאר אֵיין אַנְדֶערְן? אַ גוּטֶען יוֹם טוֹב, אַבִּי מִיר זֶענֶען שָׁלוֹם!

רָחֶלֶ׳ע הָאט דֶעם טָאג נָאךְ אַ צַייט גֶעקֶעמְפְּפְט מִיט זִיךְ נִיט צוּ קְלֶערְן שְׁלֶעכְטֶע מַחֲשָׁבוֹת אוֹיף אִיהר מוּטֶער... בְּעֵת זִיא הָאט מִנְחָה גֶעדַאוֶועגְט, הָאט אִיהר הֶערְץ גֶעשְׁרִיעֶן: „לֶערְן מִיךְ נָאט, אַזוֹי גְרִינְג אוֹיךְ מַיין מוּטֶער מוֹחֵל צוּ זַיין ווִי גְרִינְג אִיךְ הָאבּ דִיזֶען עֶלֶענְדֶען שִׁימֶעלְן מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען! נִיט זִי אִיז שׁוּלְדִיג, שׁוּלְדִיג אִין דֶעם אִיז דָאס אוּנְגְלִיק וָואס דֶער לִיעבֶּער פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען! ...."

# ג.

צְווֵיי וָואכֶען נָאךְ פֶּסַח זֶענֶען אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען, רָחֶלֶ׳ע הָאט גֶעגוּג גֶעהַאט צוּ טְהוּן אוּנ צוּ קֶאמְפְּפֶען מִיט זִיךְ, זִיא זָאל קֵיין כַּעַס אוּנ פֶערִאִיבֶּעל אִין אִיהרֶעם הֶערְצֶען נִיט פִיהְלֶען אוֹיף אִיהר מוּטֶער. וֶועלְכֶע אִיז בֶּעשֶׁעפְטִיגְט גַאנְצֶע טֶאג מִיט שְׁנַיידֶערְס אוּנ מִיט נַייעֶ קְלֵיידֶער אָנְמֶעסְטֶען; אָבֶּער נָאךְ מֶעהר אִין כַּעַס אִיז רָחֶלֶ׳ע אוֹיף זִיךְ אַלֵיין גֶעוֶועזֶען. „אִיךְ בִּין אַ שְׁלֶעכְט קִינְד!“ פְלֶעגְט זִי זִיךְ זָאגֶען, „אִיךְ בִּין אוּנְגֶערֶעכְט, אִיךְ דַארְף פוּן דֶער מוּטֶער נִיט פֶערְלַאנְגֶען זִיא זָאל דֶעם פָאטֶער לִיעבֶּען נָאךְ זַיין טוֹיט אַזוֹי ווִי אִיךְ לִיעבּ זַיין אַנְדֶענְקֶען, זִי הָאט נִיט דָאס זֶעלְבֶּע גֶעפִיהל וָואס אִיךְ, זִיא אִיז נִיט שׁוּלְדִיג אִין דֶעם. נוּר אִיךְ בִּין אַ שְׁלֶעכְטֶע, אַ אוּנְגֶערֶעכְטֶע! אַנְשְׁטָאט זִיךְ צוּ פְרֶעהֶען מִיט דֶעם וָואס מַיין מוּטֶער לֶעבְּט אוּנ ווִיל לֶעבֶּען, פֶערְדְרִיסְט מִיךְ וָואס זִי מַאכְט זִיךְ אַ שֶׁען קְלֵייד, וָואס זִי פּוּטְצְט זִיךְ. אַזוֹי ווִי מִיט דֶעם וָואלְט זִיא אוֹיסֶען זַיין חָלִילָה מִיר לְהַכְעִיס צוּ טְהוּן“.

אֵיינְמָאל הָאט זִיא אִין דֶער אַלְטֶער רוּסִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע גֶעלֶעזֶען אַז בַּיי דִיא סְלַאוֶוען אִיז אַ אַכְזָרִיוּתְ׳ד מִנְהָג גֶעוֶועזֶן: מְקַבֵּר צוּ זַיין דִי לֶעבֶּענְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פְרוֹי מִיט אִיהר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם מַאן, דָאס הָאט אוֹיף אִיהר אַ שְׁטַארְקֶען אַיינְדְרוּק גֶעמַאכְט. וָואס פַאר אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער מִנְהָג דָאס אִיז גֶעוֶועזֶן!“ הָאט זִי מִיט אַ שוֹידֶער אִיבֶּער

איהר נאַנצען קאָרפּער אויסגעעדט. האָבען דאָס יענע פרויען אַליין פערלאַנגט, דאַרפען איצטיגע פרויען זיך לערנען פון זיי ווי טריי, ווי איבערגעגעבען צו ליעבען זייערע מאַנען אַז זעלבסט דער טויט האָט זיי ניט בעדאַרפט צו שיידען; האָבען דאָס אָבער נור די מאַנען פערלאַנגט, זענען זיי ווילד אונ גרויזאַם געוועזן, אַזוי ווילד ווי יענע אַפריקאַנער וואָס נאָך דעם הערינס טוידט טוידעט מען אויך אַלע זיינע סקלאַפען!...

אָ, כמעט אַזוי שלעכט איז מיין הערץ געגען מיין איינענער מוטער!... פרעהען דאַרף איך מיך וואָס די מוטער לעבט אונ וויל לעבען נאָך דעם פאָטערס טוידט, אונ דענ נאָך שמערצט עס אין מיר, ווען איך זעה ווי זיא פערגעסט איהם!... וויא זאָנדערבאַר איז דער מענש, ווי שוואַך איז זיין קלאָרער פערשטאַנד פינסטערע ווילדע געפיהלע פון זיך אַרויסצוטרייבען!... גיב מיר גאָט כח אַלץ וואָס דו לאָזט געשעהן פאַר גוט אונ ליעב אָנצונעהמען!..."

נאָך דיזער איבערלעגונג איז זיא רוהיגער געוואָרן אונ האָט אָנגעהויבען דער מוטער צוהעלפען ביי'ם אָנמעסטען איהרע נייע קליידער, פרעהליך צו זיין אונ ניט לאָזען מערקען אַז ביי איהר אים הערצען פיהלט זיך אַ ווייטיג, וואָס נאָך אַלע איבערלעגונגען שמערצט איהר פאָרט אונ זי איז ניט אים שטאַנדע ניט צו פיהלען. —

דער פריהלינג האָט שוין אין דער צייט געהערשט אויף דער וועלט, די בוימער געבען דיא פענסטער פון הייעלעס הויז האָבען שוין זייערע בלעטלעך פאַנאַנדער גע־לאָזען, אונ די ערשטע גרינקייט פון גראָז האָבען צוגעפוטצט דעם גרויסען סאָד הינטער איהר שטוב. דאָ אין סאָד פלעגט רחל'ע, צוזאַמען מיט איהר קליין שוועסטערל־ פערברענגען איהרע לעדיגע שטונדען צו צופּוטצען, אַרומצושערן אונ אויסצוגלייכען דיא צווייגען, וויא עס האָט איהר אַמאָל דער הויפשער סאַדאָווניק געלערנט. דאָ פלעגט זי זיך אויסוויינען בעת דער קאַמפּף אין איהר פלעגט צו שטאַרק ווערן אונ איהרע טרערן פלעגען אויף דיא יונגע בלימעלעך פאַלען... דאָ פלעגט זי אויך גאָט בעטען: ער זאָל איהר שלעכט הערץ אין איהר אויסבעסערן אונ שטאַרקען עס מיט געדולד, זי זאָל קאָנען אַ טרייע טאָכטער זיין איהר מוטער אין יעדעם פאַל...

איינמאָל פאַר נאַכט איז מיט איהרע ברידערלעך פון חדר מיט געקומען שימעלעס עלטער יונגעל, ווי דאָס יונגעל האָט רחל'ען דערזעהן איז עס צוגעגאַנגען צו איהר אונ דערלאַנגט איהר אַ בריוועלע. רחל'ע האָט דאָס קינד געהייסען וואַרטען ביז זי וועט איבערלעזען, זי האָט אָנגעהויבען לייענען:

להבתולה היפה כפני החמה וכפני לבנה, צנועה וחכמה במדת החסד והרחמים
מרת רחל בת אליעזר הכהן ז"ל תחיה עד בלי ירח אמן נצח סלה ועד!..."

גוטע רחל'ע, מיר האָבען כידוע איינע דיא אַנדערע מוחל געוועזן. דוא אַליין האָסט מיר געזאָגט מיט גרויס חכמה, אַז איך מאָג צו אייך אַריינקומען בכל עת ובכל זמן: ווען נור איך וועל דאַרפען אַריינקומען, ניט אמת אפשר? ובכל זאת (פונדעסט־ וועגען) זעהסטו דאָך אַז איך קום ניט, ווייסט דוא אָבער איבער וואָס? פשוט! דיא מעשה איז נאָר פשוט: דיין טהייערע מוטער חייע'לע שתחי' האָט מיר געליהען אַ גביע של כסף, (אַ בעכער אַ זילבערנעם) לכבוד די פיער כוסות צום סדר, אונ מיין פלוני'ת קענסטו דאָך. וואָס האָט זיא געטהון? האָט זיא גענומען דעם בעכער אונ האָט איה־

אָנְזְעקְנֶעטְרָאגֶען צוּ לֵייבְּקֶע דֶעם מַלְוֶה, זָאל אִיהם קֵיין נוּטֶער יוּד נִיט קֶענֶען. – אוּנ גֶעלִיהֶען אוֹיף אִיהם א׳ רוּבֶּעל וְחָצִי; נָאךְ יוֹם טוֹב, אִיז מִיר דָאךְ אַבִּזָיוֹן גֶעוָוארְן פַאר דַיין מוּטֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט אִיהר אָבְּרֶענְגֶען דֶעם בֶּעבֶּער בִּתְשׁוּאַת חֵן (מִיט דַאנְק אוּנ וִוי עֶס אִיז מֵאֵלָיו מוּבָן (וִוי עֶס פֶערְשְׁטֶעהט זִיךְ). אִיז דָאךְ אֲפִילוּ אַקָאפֶּעקֶע וְחָצִי בַּייא מִיר אִין מַיין גְבוּל אוֹיךְ נִיטָא, וָוארוּם כִּיז מֶען לֶערְנְט נִיט אַרַיין מִיט מַיינֶע תַּלְמִידִים אַדְרַיי פִיער וָואכֶען קָאן מֶען קֵיין שְׂכַר לִימוּד נִיט בֶּעטֶען – בִּין אִיךְ אוֹיף אַעֵצָה גֶעפַאלֶען אוּנ הָאבּ גֶענוּמֶען מַיין בֶּגֶד עֶלְיוֹן, – אָט טַאקִי דֶעם אֵייגֶענֶעם וָואס אִיךְ בִּין אִין אִיהם גֶעוֶועזֶען בַּיי אַייךְ יוֹם טוֹב, אוּנ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ לֵייבְּקֶען, עֶר זָאל צוּנֶעהמֶען בְּמַשְׁכּוֹן דֶעם בֶּגֶד עֶלְיוֹן מֵיינֶעם תַּחַת הַנָּבִיא, (אַנְשְׁטָאט דֶעם בֶּעבֶּער) אָבֶּער גַם הוּא חָכָם, עֶר זָאגְט: עֶר אִיז אוֹיךְ קֵיין שׁוֹטֶה נִיט אוּנ הָאט מִיר גֶעאֶנְטְוֶוערְט: אָבֶּער גָאר לֹא. לֹא מִיט אַאַלֶף, וֵוייסְטוּ וָואס לֹא מִיט אַאַלֶף בֶּעדַייט? פָּשׁוּט. גֵיין גֵיין אוּנ גֵיין! ... אַנַארְר, זָאגְט עֶר, וֶועל אִיךְ זַיין, אַייךְ אַוֶועק גֶעבֶּען אַבֶּעבֶּער וָואס עֶר אִיז אַמְצִיאָה כ״ה קֶערְבְּלֶעךְ אוּנ צוּנֶעהמֶען אַייעֶר בֶּגֶד עֶלְיוֹן וָואס אִיז נִיט וֶוערְטְה מֶען זָאל אִיהם אִין הַאנְד אַרַיינְנֶעהמֶען. דֶער הַיּוֹצֵא מִדְּבָרָיו אִיז דָאס: דֶער וַוייל לִיגְט נָאךְ דֶער בֶּעבֶּער בַּיי אִיהם, יִמַּח שְׁמוֹ, מַיין בֶּגֶד עֶלְיוֹן בַּיי מִיר, אוּנ מִיר אִיז בִּיטֶער מִשְּׁנֵי הַצְּדָדִים, אֵיינְמָאל: אַז מַיין בֶּגֶד עֶלְיוֹן לִיגְט אִין דֶער הֵיים אִיז פַאר אִיהם אַגְרוֹיסֶער חִסָּרוֹן, פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ: עֶר וַואלְגֶערְט זִיךְ, אוּנ אַז עֶר וַואלְגֶערְט זִיךְ, חַאפְּט אַמָאל דָאס וַוייבּ מֵיינְס אוּנ דֶעקְט צוּ אַקִינְד מִיט אִיהם, אַז נִיט חַאפֶּען אִיהם דִיא בָּנוֹת מַיינֶע אוּנ בֶּעטֶען אִיהם גָאר אוּנְטֶער, אוּנ עֶס וֶוערְט אַחֵלֶק פוּן אִיהם. שֵׁנִית: מוּז אִיךְ דִיר מוֹדֶה זַיין, אַזוֹי וִויא מִיר אִיז יָדוּעַ אַז אִמְךָ שֶׁתִּחְיֶ׳ פָאהרְט דִיא טָאג צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען, עֶר זָאל לֶעבֶּען וֶועט בְּוַדַּאי מַסְכִּים זַיין אוֹיף דֶעם שִׁדּוּךְ מִיט ר׳ פִּנְחָסל׳ן יִחְיֶ׳. וָואס אִיךְ הָאבּ מַצִּיעַ גֶעוֶועזֶען – וֶועט דָאךְ מִסְתָּמָא דֶער עִנְיָן נִגְמַר וֶוערְן בְּכִי טוֹב, אוּנ אַז אִיךְ זָאל זִיךְ חָלִילָה נִיט זֶעהן מִיט אִיהר פַאר אִיהר אַוֶועקְפָאהרֶן וֶועט זִיא דָאךְ גָאר פֶערְגֶעסֶן אַז אִיךְ הָאבּ גֶעהַארִיוֶועט וֶועגֶען דֶעם, אוּנ אַז אִיךְ בִּין דֶער עֶרְשְׁטֶער שַׁדְּכָן בָּזֶה הָעִנְיָן, נִמְצָא וֶוערְט גֶעפוּנֶען אַז אִיךְ וֶועל דֶערְפוּן אַקָאפֶּעקֶע נִיט הָאבֶּען, אוּנ מַיין טָאכְטֶער וָואס פַאר אִיהר מַיין אִיךְ צוּ פֶערְדִינֶען דִיא עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלֶעךְ, וֶועט נָאךְ וַוייטֶער מוּזֶען וַוארְטֶען אוֹיף אִיהר זִיווּג וִוי זִי הָאט גֶעוַוארְט, אוּנ דוּא אַלֵיין הָאסְט דָאךְ מִיר גֶעזָאגְט, אַז דוּא הָאסְט רַחֲמָנוּת אוֹיף אִיהר, הַיינְט טַאקִי פַאר וָואס זָאלְסְטוּ נִיט זֶעהן מִיר צוּ צוּהֶעלְפֶען, אִיךְ זָאל טַאקִי פֶערְדִינֶען אַכ״ה קֶערְבְּלִיךְ אוֹיף נְדָן אוּנ תַּכְשִׁיטִין פַאר אִיהר?

אָט אִיבֶּער אֵלֶּה הַטְּעָמִים אִיז בַּיי מִיר גֶעבְּלִיבֶּען בֶּעטֶען בַּיי דִיר אַטוֹבָה: דוּא זָאלְסְט צוּנֶעהמֶען מַיין בֶּגֶד עֶלְיוֹן צוּ זִיךְ בְּמַשְׁכּוֹן אוּנ זָאלְסְט מִיר לַייהֶען אוֹיף אִיהם שְׁנֵי רוּבֶּעל כֶּסֶף, וֶועל אִיךְ אַרוּבֶּעל וְחָצִי אָבְּצָאהלֶען לֵייבְּקֶע דֶעם מַלְוֶה קֶרֶן אוּנ אַחָצִי קֶערְבֶּעל פְּרָאצֶענְט, יִמַּח שְׁמוֹ, זָאל עֶר עֶס אוֹיסְקְרֶענְקֶען! אָט אַז אִיךְ וֶועל קָאנֶען אָבְּבְּרֶענְגֶען הַנַ״ל בֶּעבֶּער וֶועל אִיךְ שׁוֹין קָאנֶען זִיךְ זֶעהן מִיט דַיין אִמְךָ שֶׁתִּחְיֶ׳ פַאר אִיהר אַוֶועק פָאהרֶן בְּשָׁעָה צְלֵחָה אוּנ אִיךְ וֶועל אִיהר שׁוֹין קָאנֶען בֶּעטֶען זִיא זָאל קֵיין אַנְדֶער שַׁדְּכָן דָא נִיט לָאזֶען נָאר אַיַד הָאבֶּען. מַיין טָאכְטֶער וֶועט דוּרְךָ דֶעם

גֶעהָאלְפֶען װֶוערן אונ בְּשָׂכַר זֶה װֶועסְטוּ גֶעבֶּענְשְׁט װֶוערן בְּבִרְכוֹת כָּל טוּב סֶלָה. נְאוּם שִׁמְעוֹן מְלַמֵד.

זִיא הָאט דָאס בְּרִיוֶועל דוּרְכְגֶעלֶעזֶען, דֶעם יוּנְגֶעל גֶעגֶעבֶּען צְוַויי רוּבֶּעל אוּנ אִיהם גֶעהֵייסֶען זָאגֶען זַיין פָאטֶער אַז זִיא בְּרוֹיךְ נִיט זַיין בֶּגֶד עֶלְיוֹן.

אִיז דָאס מֶעגְלִיךְ ? הָאט זִיא זִיךְ גֶעפְרֶעגְט אַ גַאנְצֶע נַאכְט, נִיט קָאנֶענְדִיג אֶנְטְשְׁלָאפֶען װֶוערן אִיבֶּער דִי נַייֶעס וָואס שִׁמְעֶלֶעס בְּרִיוֶועלֶע הָאט אִיהר אָנְגֶעזָאגְט. קָאן עֶס זַיין, אַז דֶער רֶבִּי, וָואס צוּ אִיהם פָאהְרְט מֶען פוּן נָאהֶענְט אוּנ פוּן וַוייט, זַיין עֵצָה אוֹיסְהֶערְן אוּנ זַיין בְּרָכָה נֶעהְמֶען, קָאן עֶס זַיין עֶר זָאל אַ עֵצָה גֶעבֶּען אַ פְרוֹי. אַ מוּטֶער פוּן קְלֵיינֶע יְתוֹמִים, זִי זָאל פֶערְגֶעסֶען אִיהר חוֹב צוּ אִיהר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם מַאן אוּנ צוּ זַיינֶע לֶעבֶּעדִיגֶע יְתוֹמִים אוּנ נֶעהְמֶען אוֹיף זִיךְ אַ נַייֶעם חוֹב. אַ חוֹב פוּן אַ פְרוֹי צוּ אַ צְוֵוייטֶען מַאן, אַ חוֹב פוּן אַ שְׁטִיפְמוּטֶער צוּ שְׁטִיפְקִינְדֶער ? גֵיין. אִיז עֶר אַ חָכָם וָועט עֶר מִיט שֵׂכֶל אִיהר עֶרְקְלֶערְן, אַז דָאס בֶּעסְטֶע גְלִיק פַאר אַ מוּטֶער אִיז טְרַייִ צוּ עֶרְצִיהֶען אִיהרֶע קִינְדֶער. אִיז עֶר אַ צַדִיק וָועט עֶר אִיהר זָאגֶען אַז גָאט זֶעלְבְּסְט אִיז נִיט צוּפְרִידֶען וֶוען אַ פְרוֹי פֶערְגֶעסְט אַזוֹי גִיךְ אִיהר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם מַאן... נוּר וֶוער וַוייס אוֹיבּ זַיין חָכְמָה אִיז אַזוֹי גְרוֹיס וִוי זַיין תּוֹרָה אוּנ אוֹיבּ זַיין תּוֹרָה אִיז אוֹיךְ מִיט חָכְמָה ?...

אַז דִי זָאגֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרַיינְשַׁיינֶען דוּרְךְ אִיהרֶע פֶערְהַאנְגֶענֶע פֶענְסְטֶער אִיז זִי אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, זִיךְ אַיינְגֶעוואשֶׁען אוּנ אַרוֹיס אִין סָאד. דֶער פְרִישֶׁער אָנְגֶענֶעהְמֶער גֶערוּךְ פוּן דִיא יוּנְגֶע גְרָאז אוּנ בְּלֶעטֶער הָאט זִיא עֶרְפְרִישְׁט. עֶרְגֶעץ פוּן אַ וַוייטֶען בּוֹים הָאט זִיא דֶערְהֶערְט צוּם עֶרְסְטֶען מָאל אִין דֶעם פְרִיהלִינְג דָאס לִיעבְּלִיךְ גֶעזַאנְג פוּן אַ זִינְג פוֹיגֶעלֶע, וֶועלְכֶעס הָאט אִין קְלָאגְלִיכֶע אוּנ פְרֶעהלִיכֶע טְרֶעלֶען זַיין מָארְגֶענְס לִידֶעלֶע גֶעזוּנְגֶען. רָחֵלֶע הָאט זִיךְ שְׁטִיל גֶאהֶענְטֶער צוּגֶעצוֹיגֶען, דָאס פוֹיגֶעלֶע צוּ צוּהֶערְכֶען, אַז זִיא הָאט דֶעם קְלֵיינֶער זֶאנְגֶער דֶערְזֶעהְן הָאט זִיא גֶעזָאגְט:

„שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם דִיר, לִיעבֶּער גַאסְט! זַיי מִיר ווִילְקָאמֶען, מַיין לִיעבּ פוֹיגֶעלֶע! אַךְ, וֵוייסְטוּ שׁוֹין דָאס דַיין גוּטֶער ווִירְטְה, וָואס הָאט דִיךְ אוּנ דַיינֶע חֲבֵרִים שְׁטֶענְדִיג אַזוֹי לִיעבּ גֶעהַאט, אַזוֹי גֶערְן אַייֶערֶע לִידֶעלֶעךְ צוּגֶעהֶערְט אוּנ אַייֶער רוּהֶע אוּנ פְרַייהֵייט דָא אִין זַיין גָארְטֶען קֵיינְמָאל גֶעשְׁטֶערְט — וֵוייסְטוּ שׁוֹין, אַז דִיזֶער גוּטֶער ווִירְטְה אִיז שׁוֹין אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיטָא ?....״

„עֶרְצֶעהְל מִיר, פוֹיגֶעלֶע, פוּן וַואנֶען קוּמְסְטוּ ? בִּיזְטוּ, אִין דַיין וַוייטֶען וֶועג אִיבֶּער יֶענֶעם פֶעלְד אַרִיבֶּער גֶעפְלוֹיגֶען, וואוּ מַיין פָאטֶער רוּהְט אִיצְט ? הָאסְטוּ אֶפְשָׁר אוֹיף זַיין קֶבֶר זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט ? זָאג, וואַקְסֶען גְרֶאזֶעלֶעךְ, בְּלִיהֶען בְּלִימֶעלֶעךְ אוֹיף יֶענֶעם הֵיילִיגֶען בֶּערְגֶעל ? וֶועלְכֶען גֶערוּס הָאט דֶער גוּטֶער פָאטֶער דוּרְךְ דִיר זַיינֶע קִינְדֶער גֶעשִׁיקְט, וֶועלְכֶע גוּטְס אוּנ הָאפְנוּנְג זָאגְסְטוּ מִיר אָן אִין דַיין לִידֶעלֶע ?... אָ, ווִי ווִיל אִיךְ דַיין שְׁפְּרַאכֶע קֶענֶען! מִיר וָואלְטֶען זִיךְ אֵיינְאַנְדֶער בֶּעסֶער פֶערְשְׁטֶעהְן אַלְס אַ מֶענְשׁ אַ מֶענְשֶׁען פֶערְשְׁטֶעהְט, אַלְס אַ קִינְד זֶעלְבְּסְט זַיין מוּטֶער אוּנ אַלְס אַ מוּטֶער אִיהר קִינְד קָאנֶען זִיךְ פֶערְשְׁטֶעהֶען!....

זִינְג פוֹיגֶעלֶע, אוּנְבֶּעזָארְגְט, אוּנְשׁוּלְדִיג בֶּעשֶׁאפֶענֶעשׁ! זִינְג דַיין לִידֶעלֶע מִיר ווַייטֶער! דוּא מָאגְסְט זִינְגֶען, דוּא זֶעהְסְט פִיעל מֶעהר. אַלְס מִיר שְׁטָאלְצֶע מֶענְשֶׁען... פוּן דֶער הֵייךְ קוּקְסְטוּ אוֹיף אוּנְז אַרָאפּ ווִיא מִיר קְרִיכֶען דָא אִין שְׁטוֹיבּ אוּנ זֶעהֶן נִיט

װאס פאר אונז איז װיא דאס װאס טהוט זיך הינטער אונז... דוא ביזט גליקליכער א פרייער פאר אונז. גרינג האט דיך גאט געשאפען, דוא ברויכסט קיין פערד אונ װאגען ניט, דוא װייסט אויך אלע װעגען װאו גוט איז בעסער פאר אונז! אומעטום בליהען בלומען פאר דיר. װאכסען הויכע בוימער דיר א געסט אויף זיי צו לאזען בויען, דיין דירה. דיין עסען געפינסטו װאו דיין הערץ געלוסט, פאר װאס זאלסטו ניט זינגען!...

דיינע פליגעלעך, ליעב פויגעלע, לייה מיר אונ איך װעל פליהען אהין א קוק טהון אויף יענם בערגעל װאס דעקט מיין ליעבען פאטער צו! װי װילט זיך מיר איהם א גערוס ברענגען פון זיינע יתומימלעך, זיך אויסװיינען פאר איהם, איהם אויס־ערצאהלען אלץ װאס אין מיר מיין הערץ פרעסט!... דיינע פליגעלעך לייה מיר, שאַ פויגעלע. אונ איך װעל װייטער פליהען א קוק טהון װי מיין משהלע זיצט איצט פערטיפט אין תורה אונ חכמה װאס ער לערנט. איך װעל איהם פון זיין לערנען ניט שטערן, נור פון װייטען איהם צו שרייען: משהלע, פערגעס ניט אן אונזער גוטען גאט, בלייב א פרומער ערהליכער יוד װי דו האסט דיין רחלען געשװארן! דאן װאלט איך צוריק קומען, דיר דיינע פליגעלעך צוריק אפגעבען אונ דא ביי מיינע יתומימלעך װארטען אויף דיר איבער א יאהר נאך א מאל אזוי צו טהון. א, טאטער װייסט װעלכע נייעס װעט מיט אונז געשעהן ביז איבער א יאהר?....

נײן, דוא קאנסט מיר דיינע פליגעלעך ניט געבען אונ איך קאן דיין שפראכע ניט פערשטעהן!... זינג, מיר איז דיין געזאנג ליעב האטש איך פערשטעה ניט װאס דוא זאגסט דארין, דו מאגסט אויך דאן זינגען װען דוא זעלבסט װייסט ניט פון דעם װאס דוא זינגסט, דוא װייסט אויך פון אונזערע מענשליכע דאגות ניט אונ דיין קאפעלע טהוט דיר ניט װעה קלערנדיג: צו איז אונזער רבי קלוג אונ פרום, אדער ער איז אויך קליגער אלס פרימער!....

מיט דיא װערטער האט זיא איהר פאל הערץ אויסגעגאסען, ניט פאר דעם שפראכלאזען גאסט, אבער פאר זיך זעלבסט. אונ דא אונטערן בוים איז זיא זיטצען געבליבען אונ זיך צוגעהערט דאס זינגען ביז דיא זונן האט מיט איהרע שטראהלען גלייך אין איהר געזיכט אריינגעשיינט. זי האט מיט איהרע האנד דאס געזיכט פערשטעלט אונ ניט געװאלט אװעג געהן פון דעם אנגענעהמען ארט. ענדליך האט זיא זיך דער־מאנט: עס איז שוין צייט דיא קינדער אויפצוװעקען זיי זאלען קדיש אין שול ניט פער־שפעטיגען; זיא האט זיך אויפגעהויבען ארומגעקוקט א ביסעל דעם גארטען, שאנע בלימעלעך האבען זיך פון א שטיל װינטעל איינגעבויגען. אזוי װי זיא װאלטען געװאלט פריינדליך גריסען די װעלכע זארגט פאר זיי; אלעס װאר דא אזוי יונג אונ פריש. צופרידען אונ זאפטיג. זי האט זיך פון קיין זאך ניט געקאנט אבװאונדערן.

דא איז אלעס גוט אונ ליעב, האט זי פאר זיך געזאגט, אלעס איז מיר ליעב אלעס איז מיר דא פריינדליך, איך קאן מיט אלץ װאס מיין אויג זעהט דא צופרידען זיין. גאטעס פרידען זעה איך אין דיין שאנער נאטור! װיא װילט זיך מיר פון דעם גן עדן ניט ארויס! װי װילט זיך מיר ניט אהין צוריק אין שטוב אריין, װאו די נאטור פון א מוטער איז זעלבסט צו איהרע קינדער ניט מעהר טריי! גאט, דא ביזטו נאהענטער... דא בעט איך דיך דוא זאלסט דער מוטערס ליעבע צו איהרע קינדער

אָרהאַלטֶען אוּנ נִיט לאָזֶען אָבְגֶעהִיהלט וֶוערן פוּן אַזייטִינֶען ווינְדט וָואס בּלאָזְט אִיבֶּער אִיהר:...אָ נָאט אִין הִימֶעל, שֶׁענְק אוּנְז אוּנְזֶער מוּטֶערְס טְרַיי הֶערְץ אוֹיף אִיטֶער! דָא, וואוּ אִיךְ בֶּעוואוּנְדֶערֶע דַיין חֶסֶד אוּנ גוּטְסְקֵייט צוּ יֶעדֶען גְרֶאזֶעלֶע אוּנ בְּלִיטֶעלֶע, לָאז דָא אוֹיךְ דִי קְלֵיינֶע יְתוֹמִים וַואקְסֶען אוּנ גֶעדַייהֶען. זֵיי זָאלֶען דָא בְּלִיהֶען אוּנ אִיטֶער פְרִישׁ זַיין אוּנְטֶער דַיין שׁוּטְץ, אוּנְטֶער דַיין שַׁאטֶען!...“ אַז זִי אִיז אִין שְׁטוּב אַרַיין, אִיז שׁוֹין דִיא מוּטֶער וַואךְ גֶעוֶועזֶען. רָחֶל׳ע הָאט אִיהר צוּם בֶּעט נֶאגֶעל וַואסֶער צוּ גֶעטְרָאגֶען, אִיהר אַ וַוייסֶע גֶעהַאפְטֶעגֶע מָארְגֶען יַאקֶע דֶערְלַאנְגְט. דִיא מוּטֶער הָאט פֶערְלַאנְגְט טְהֵיי טְרִינְקֶען זִיטְצֶענְדִיג אִין בֶּעט. רָחֶל׳ע הָאט דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא אַיינְגֶעבְּרִיהטֶע מִילְךְ אַרָאפְּגֶענוּמֶען, אִין אַ גְלָאז אַרַיינְגֶעגָאסֶען אוּנ צוּגֶעטְרָאגֶען דֶער מוּטֶער אוֹיף אַ רֵיין טֶאצֶעלֶע אַ גְלָאז טְהֵיי צוּם בֶּעט.

— וֵוייסְטוּ נִיט, מַיין טָאכְטֶער, הָאט חַיֶעלֶע גֶעפְרֶעגְט, וָואס קֶען עֶס זַיין וָואס דֶער קִינְדֶערְשֶׁער רֶבִּי זֶעהט זִיךְ גָאר נִיט? אָט דָאס הָאט מֶען פוּן דִי קַבְּצָנִים אַז מֶען לַייהט זֵיי עֶפִּיס, לֹא דַי וָואס זֵיי בְּרֶענְגֶען נִיט אָב וָואס מֶען לַייהט זֵיי, זֶעהט מֶען זֵיי שׁוֹין אִין דִי אוֹיגֶען נִיט מֶעהר אֲפִילוּ וֶוען מֶען דַארְף זֵיי?

— עֶר וֶועט הַיינְט דֶעם בֶּעכֶער אָבְּבְּרֶענְגֶען, מוּטֶער, הָאט רָחֶל׳ע פֶערְזִיכֶערְט. עֶר הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט צוּ קוּמֶען, וַוייל דָאס וַוייבּ זַיינְס הָאט אָהן זַיין וִויסֶען. וִויא עֶר זָאגְט—דֶעם זֶעלְבֶּען בֶּעכֶער אִין מַשְׁכּוֹן גֶעלֶעגְט; נוּר אִיצְט, וֵוייס אִיךְ, הָאט עֶר שׁוֹין דָאס גֶעלְד אוֹיסְצוּלֵייזֶען אוּנ וֶועט הַיינְט קוּמֶען.

— אִיךְ הָאבּ בֶּעדַארְפְט מִיט אִיהם וֶועגֶען עֶפִּיס אִיבֶּערְרֶעדֶען, הָאט חַיֶעלֶע עֶרְקְלֶערְט, זָאג אָן דִיא קִינְדֶער, אַז זֵיי וֶועלֶן אִיהם צוּם דַאוֶונֶען אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ זֶעהן זָאלֶען זֵייא אִיהם זָאגֶען, עֶר זָאל בַּאלְד אַהֶער קוּמֶען נָאךְ אֵיידֶער עֶר גֶעהט אִין חֶדֶר אַרַיין.

רָחֶל׳ע הָאט דִיא קִינְדֶער אָנְגֶעטְהוּן, זֵייא טְהֵיי גֶעגֶעבֶּען אוּנ פַאר זֵייעֶר אַוֶועג גֶעהן אָנְגֶעזָאגְט זֵיי זָאלֶען זָאגֶען זֵייעֶר רֶבִּי׳ן אַז דִיא מוּטֶער בֶּעט אִיהם עֶר זָאל בַּאלְד קוּמֶען.

— דוּא וֵוייסְט, מַיין טָאכְטֶער, הָאט דִי מוּטֶער גֶעזָאגְט פוּן אִיהר שְׁלָאפְצִימֶער אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג, אִיךְ רֶעכֶען נָאךְ הַיינְט אַרִיבֶּער צוּ פָאהרֶן צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען. אִין וֶועגְ פוּן דֶער פִינְסְטֶערֶער נְסִיעָה, נִיט אִיצְט גֶעדַאכְט, הָאבּ אִיךְ אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן צוּ זַיין בַּיי אִיהם זָאל לֶעבֶּען אוּנ אִיהם אַ מַתָּנָה אַוֶועק פִיהְרֶען פַאר זַיין נוּטְצֶער בְּרָכָה, אִיךְ זָאל קָאנֶען אַהֵיים קוּמֶען אַ מוּטֶער מַיינֶע קִינְדֶער צוּ זַיין. מִיר דַארְפֶען זַיין בְּרָכָה אוּנ זַיין עֵצָה אוֹיף וַוייטֶער אוֹיךְ, זָאל דֶער צַדִיק פַאר אוּנְז גָאט בֶּעטֶען!

— מוּטֶער, הָאט רָחֶל׳ע שְׁטִיל אָבֶּער פַייֶערְלִיךְ אוֹיסְגֶערֶעדְט, גָאט אִיז דָא אוֹיךְ מִיט אוּנְז אַזוֹי נָאהֶענְט וִוי דָארְטֶען, דָא קָאנֶען מִיר אִיהם אוֹיךְ בֶּעטֶען! קוּם אִין סָאד אַרַיין, בֶּעטְרַאכְט זַיין חֶסֶד אוּנ זַיין רַחֲמִים צוּ יֶעדֶען גְרֶאזֶעלֶע, זַיין בְּרָכָה אוּנ נוּטְס צוּ יֶעדֶען בּוֹימֶעלֶע אוּנ זֶעה, אַז עֶר אִיז דָא אוֹיךְ אַזוֹי נָאהֶענְט וִוי דָארְט בַּיים רֶבִּי׳ן!... וִויא שְׁטִיל דוּ וֶועסְט אִיהם דָא נִיט בֶּעטֶען וֶועט עֶר דַיין תְּפִלָּה צוּ הֶערֶן, וָואצוּ בְּרוֹיכְסְטוּ אַהִין פָאהרֶן, דֶער רֶבִּי זָאל פַאר דִיר תְּפִלָּה טְהוּן? אִיךְ פֶערְגִין דֶעם רֶבִּי׳ן גֶערְן דַיין מַתָּנָה אוּנ פִּדְיוֹן וָואס דוּא גִיסְט אִיהם, אָבֶּער דָאס קָאן מֶען דוּרְךְ אַיין

אנדערן צושיקען; בלייב דוא בייא דיינע קינדער, וועלכע עס באנגען נאך דיר בעת ד[illegible] פארהרסט אוועק! אז איך וואלט א רבי זיין און צו מיר זאלען יודען קומען מיט א פדיון איך זאל פאר זיי גאט בעטען, וואלט איך זיי זאגען: מיינע ליעבע יודען, גאט דער איינציגער איז אייער גאט אזוי גוט וויא מיינער, בעט איהם אליין מיט'ן גאנצען הערצען, זייט אייך אליין פרום און גוט, וואצו פערלאנגט איהר איך זאל פאר אייך מתפלל זיין בעת יעדער קאן איהם אזוי גוט בעטען וויא איך? ווייס איך דען בעסער פאר אייך וואס אייך פעהלט?...

— דערפאר, מיין טאכטער, האט דיא מוטער ערקלערט, ביזטו קיין רבי ניט. דוא ביזט נור א זינדיגע אשה, א קינד ביזטו און וואס ווייסטו וואס א רבי איז? אט דאס איז די גאנצע זאך וואס ער ווייס בעסער פאר אונז וואס אונז פעהלט! פאר וואס שיקסטו נאך דעם דאקטאר בעת א קינד ווערט חלילה קראנק, און גיסט אליין קיין רפואה ניט? דו דערצאהלסט דעם דאקטאר, אז דאס און יענס טהוט דיר וועה, און דער דאקטאר ווייס שוין אז ניט דארט וואו דיר טהוט וועה איז די קראנקהייט, נור ערגעץ אין מאגען אדער אין הארצען, אזוי איז דער רבי זאל לעבען אויך: מיר פשוטע מענשען מיינען אויך: דאס פעהלט אונז, יענס דערגעהט אונז ניט, אין אמת'ן אבער זענען מיר גרויסע חולאים, מיר ווייסען אליין ניט ווי קראנק מיר זענען, מיר ווייסען גאר ניט ריכטיג וואס און ווענען וואס בייא גאט דעם לעבעדיגען צו בעטען, דאריבער ערצאהלען מיר דעם רבי'ן זאל לעבען אונזער הארץ און ער פערשטעהט שוין וואס אונז פעהלט און ער זוכט דיא רפואה פאר אונז, האטש מיר ווייסען אליין ניט וויא קראנק מיר זענען חלילה.... פערשטעהסטו, מיין טאכטער צו ליעב וואס יודען פאהרן צו איהם זאל לעבען.

— אבער, ליעבע מוטער, פערשטעהסטו דען ניט, האט זי זיך אבגערופען, אז גאט איז ניט אזוי אונוויסענד ווי אונזער אפטייקער, וועלכער ווייס נור דיא רפואה צו געבען, וועלכע דער דאקטאר פארשרייבט? ניין, גאט איז דער דאקטאר און אליין אויך דער אפטייקער, ער פערשטעהט פון אונזער בעטען אונזערע אמת'ע פעהלער און שיקט אונז צו דיא אמתע רפואה וועלכע ער ווייס, האטש מיר בעטען עפיס אנדערש; דער רבי קאן איהם בעסער ניט ערקלערן אלס ער פערשטעהט אליין, און צו וואס ברויכסטו איצט דיינע קינדער דא לאזען און צום רבי'ן פאהרן? איך האפע, דו ביזט אויך ניט ליידענד, און גאט צו דאנקען, אונז פעהלט גישט; לייט זענען אונז מקנא און ווינשען זיך א העלפט צו האבען אלץ וואס איז, ברוך השם, בייא אונז צו זעהן; אונזער זאוואד טראגט אונז פרנסה בכבוד, אויך פרעמדע האבען זייער היונה ארום אונז און זיי זענען אונז געטריי. איך אליין און דער גוטער פעטער גיבען אכטונג עס זאל אלץ אין ארדנונג געהן וויא עס איז געגאנגען. מיר האבען אונזער אייגען הויז, אייגענעם גארטען, אויך א סאד א שאנעם, אייגענע קיה, מילך און פוטער, און ברויכען ניט קויפען פאר'ן, גראשען ווי אנדערע... איך קוק זיך אפט צו ווי אנדערע לעבען, ווי זיי קוועלען זיך נעביך, מיין איך: קיין רייכערע און גליקליכערע פאר אונז זענען גאר ניטא! איך זעה האסע די אלמנה נעביך מיט איהרע ארעמע יתומים, וויא זיי וואוינען אין א האלב איינגעפאלענעם שטיבעלע, און ליידען געווים הונגער און טויט

יֶעדֶען טָאג אוּנ הַאסְֶע וֵויים קֵיין אַנְדֶער דַאגָה אִין דֶער וֶועלְט נִיט נוּר אַ מוּטֶער אִיהרֶע קִינְדֶער זַיין... פַאר זֵיי זָארְגְט זִי, פַאר זֵיי הָארִיוֶועט זִי גֶעבִיךְ טָאג וְוִי נַאכְט. אַז אִיךְ זֶעה זִיא, לוֹיב אִיךְ גָאט פַאר זַיין חֶסֶד, וָואס חָאטְשׁ אִיךְ בִּין אַזַא יְתוֹמָה וְוִיא הַאסֶעם טָאכְטֶער – פֶעהלְט מִיר גָאר נִישְׁט, אוּנ מַיין מוּטֶער קָאן רוּהִיג אוּנ צוּפְרִידֶען זַיין קוּקֶענְדִיג אוֹיף אִיהרֶע קִינְדֶער אוּנ גָאט דַאנְקֶען פַאר זַיין חֶסֶד! לִיעבֶּע מוּטֶער, וֶועלְכֶע אַנְגְסְט אוּנ זָארְג הָאסְטוּ חָלִילָה, וָואס אִיךְ וֵויים פוּן זֵיי נִיט אוּנ דוּא ווִילְסְט זֵיי נוּר דֶעם רֶבִּין עֶרְצֶעהלֶען עֶר זָאל פַאר דִיר גָאט בֶּעטֶען?

– אִיךְ זִינְדִיג חָלִילָה נִיט, מַיין קִינְד, הָאט חַייֶעלֶע גֶעטְרֶאסְט, גֶעגֶען אַנְדֶערֶע בִּין אִיךְ אֶמֶת אַ גְלִיקְלִיכֶע, אָבֶּער אִיךְ בִּין פָארְט אַ אַלְמָנָה. אַלֶע וָואס ווִינְשֶׁען מִיר בָּאז זָאלֶען אַלְמָנוֹת בְּלַייבֶּען אִין זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע יָאהרֶען חָאטְשׁ אִין מַיין שְׁטַאנְד!...

– מוּטֶער, הָאט רָחֶל'ע אוֹיסְגֶערֶעדְט, דֶער רֶבִּי וֶועט דִיר דֶעם פָאטֶער מֵיינֶעם נִיט לֶעבֶּעדִיג מַאכֶען אוּנ דַיינֶע קִינְדֶער אַ טְרַייֶער פָאטֶער אִיז גָאט אַלֵיין, אִיהם בֶּעטֶען מִיר פַאר דִיר, אִיהם דַאנְק דוּא פַאר אוּנְז!

– נֵיין, מַיין קִינְד, מַיין נֶדֶר מוּז אִיךְ מְקַיֵים זַיין, הָאט דִיא מוּטֶער עֶנְטְשִׁידֶען גֶעאֶנְטְוֶוערְט, דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט פָאהרְט צוּם רֶבִּין זָאל לֶעבֶּען. קְלִינֶערֶע. פְּרוֹסְטֶערֶע, אוּנ אוֹיךְ רַייכֶערֶע פַאר מִיר, מִסְתָּמָא דַארְף מֶען פָאהרֶען, מִסְתָּמָא אִיז דָאךְ דָא צוּ וֶועמֶען צוּ פָאהרֶען! פַאר דִיר מַיין קִינְד, פָאהר אִיךְ אִיצְט... דוּ מֵיינְסְט אַלְץ אַז דוּ בִּיזְט אַ קְלֵיין מֶאדֶעלֶע, צַייט שׁוֹין פַאר דִיר צוּ זָארְגֶען, זִיךְ אַ עֵצָה פְרֶאגֶען, נִיטָא מֶעהר דַיין טַאטֶע. וָואס זָאל זָארְגֶען פַאר דִיר... הָאבּ שֵׂכֶל, דַיין מַאמֶע וֵויים וָואס זִי טְהוּט!....

– גָאט אַלֵיין זָארְגְט פַאר מִיר, לִיעבֶּע מוּטֶער, עֶר בְּרוֹיךְ קֵיינֶעם נִיט וֶוער עֶס זָאל אִיהם הֶעלְפֶען זָארְגֶען! הָאט רָחֶל'ע גֶעאֶנְטְוֶוערְט אוּנ אִיהר גֶעזִיכְט הָאט פוּן אִינֶערְלִיכֶע בֶּעוֶועגוּנְג גֶעבְּרֶענְט וְוִי אַ פַייֶער.

– אֶמֶת, מִסְתָּמָא זָארְגְט גָאט פַאר דִיר אוּנ פַאר אוּנְז אַלֶעמֶען. הָאט דִי מוּטֶער מַסְכִּים גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער גָאט אַלֵיין רֶעדְט נִיט מִיט אוּנְז זִינְדִיגֶע; דַארִיבֶּער פָאהרֶען מִיר צוּ דֶעם צַדִיק, עֶר זָאל אוּנְז גָאטֶעס רָצוֹן זָאגֶען צוּם נוּטֶען צוּ טְהוּן!

דִי מוּטֶער הָאט מֶעהר אוֹיף אִיהר אַנְטְוָוארְט נִיט גֶעוַוארְט, אוּנ אִיז אִין קִיךְ אַריין אָנְזָאגֶען וָואס צוּ צוּגְרֵייטֶען פַאר אִיהר אִין וֶועג אַריין.

אִין אַ שָׁעָה אַרוּם אִיז שִׁימֶעלֶע גֶעקוּמֶען, אוּנ הָאט דָא פְרִישְׁטִיק גֶעגֶעסֶען, אוּנ נָאךְ דֶעם מִיט חַייֶעלֶ'ען זֶעהר אַ עֶרֶענְסְטֶען גֶעשְׁפְּרֶאךְ גֶעהַאט. אַז עֶר אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען הָאט חַייֶעלֶע רָחֶלֶ'ען גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ אִיהם מִיט אַ כְּבוֹן גֶעשִׁיקְט רוּפֶען אִיךְ זָאל אִיהם אַלֵיין אָנְזָאגֶען, אַז עֶר זָאל דִי קִינְדֶער אִין חֵדֶר נִיט שְׁלָאגֶען אוּנ נִיט קוּקֶען אוֹיף זֵייא, וְוִי זֵיי וָואלְטֶען חָלִילָה נִיט הָאבֶּען וָוער עֶס זָאל אוֹיף זֵיי אַכְטוּנְג גֶעבֶּען. אַ פִינְגֶער, אַז עֶר וָועט אוֹיף זֵייא אַרוֹיף לֶעגֶען אִין דֶער צַייט וָואס אִיךְ וֶועל אִין דֶערהֵיים נִיט זַיין, וֶועט עֶר זִיךְ נִיט קָאנֶען אוֹיסְצָאהלֶען. אִיךְ וֶועל זֵייא בַּיי אִיהם אִין מִיטֶען זְמַן אָבְּנֶעהמֶען, עֶר אִיז נִיט אֵיינֶער בַּיי אוּנְז אִין קְלֵיינִיץ; אַגַב הָאבּ אִיךְ אָנְגֶעזָאגְט, עֶר זָאל הַיינְט דִיא קִינְדֶער אִין גַאנְצֶען פְרַיי לָאזֶען. אִיךְ זָאל זִיךְ גֶעזֶעגֶענֶען קָאנֶען מִיט זֵיי.

מִיטָאג הָאט מֶען הַיינְט גֶעגֶעסֶען פְרִיהֶער וְוִיא אַלֶע מָאל. זִיא הָאט גֶעשִׁיקְט

בֶּעטֶען צוּם גֶעזֶעגֶען נַאכְ'ן רֶעדֶען מִיט נָאכְ'ן שְׁלֹמה'ן מִיט זַיין פְרוֹי. „זָאג אִיהר, הָאט ר' שְׁלֹמה צוּ בֶּערֶעלֶען גֶעזָאגְט, אַז אִיךְ שִׁיק אִיהר מַיין בְּרָכָה זִי זָאל פָאהרֶען גֶעזוּנְד אוּנ קוּמֶען גֶעזוּנְד. דְבוֹרָה קָאן אוֹיךְ נִיט גֶעהְן, וַוייל וִוילְ אִיךְ אַלֵיין אִין שְׁטוּבּ נִיט בְּלַייבֶּען!

פִיער אַ זַיינֶער אִיז בֶּערֶעלֶע צוּגֶעפָאהרֶען מִיט אַ פָּאר גוּטֶע פֶערְד גֶעשְׁפַּאנְט אִין אַ שֵׁאן בְּרִיצְקֶעלֶע, אוּנ הָאט דֶערְוַוייל אַ בִּיסֶעל דִי קִינְדֶער אוּמְגֶעפִיהרְט אַרוּם שְׁטוּבּ. מֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרָאגֶען אַ גְרוֹיסֶען שֶׁעפֶּעט פָאל מִיט קְלֵיידֶער, אוֹיךְ קֶערְבּ אוּנ קֶערְבְּלֶעךְ מִיט עֶסֶענְשְׁפַּייז אוּנ וַויין אוּנ מֶען הָאט עֶס גוּט אַיינְגֶעבּוּנְדֶען אוּנ אַיינְגֶעפַּאקְט; פַאר אַ שׁוֹמֵר אִין וֶועג הָאט חַייֶע'לֶע מִיטְגֶענוּמֶען אַ יוּנְג וַוייבֶּעל וָואס לֶעבְּט שׁוֹין צְוֵויי יָאהר מִיט אִיהר מַאן אוּנ נָאט הָאט זִי נָאךְ מִיט אַ קִינְד נִיט בֶּעגְלִיקְט.

חַייֶע'לֶע הָאט זִיךְ מִיט דִי קִינְדֶער צוּקוּשְׁט. דִי מֶענְשֶׁען אִין שְׁטוּבּ אַ שֵׁאנֶע אַטְיֶעזֶענֶע גֶעלָאזֶען. בֶּערֶעלֶע הָאט דִי פֶערְד אַ שְׁמִיטְץ גֶעטְהוּן אוּנ בִּיז נַאכְט זֶענֶען זֵיי גֶעקוּמֶען צוּ דֶער רוֹיטֶער קְרֶעטְשְׁמֶע, וָואס אִיז אִין מִיטֶען וֶועג גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען קְלֵיינִיץ אוּנ וִוינְגָארָאדְקָא, דֶעם רֶבִּינ'ס סְטָאלִיצְיֶע —.

בַּיי נַאכְט אִיז ר' שְׁלֹמה גֶעקוּמֶען מִיט דְבוֹרָה'ן אוּנ הָאבֶּען רָחֵלֶ'ען גֶעטְרֶעסְט. הָאטְשׁ זִי הָאט זִיךְ נִיט בֶּעקְלָאגְט. „זָארְג נִיט מַיין קִינְד, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, גָאט וֶועט אוּנְזֶער צַער צוּזֶעהְן אוּנ אוּנְז טְרֶעסְטֶען, עֶס וֶועט אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם אַלֶעס גוּט זַיין!...”

## ד.

חַייֶעלֶע הָאט זִיךְ גוּט גֶעלָאזְט עֶרְקֶענֶען הַיינְטִינְס מָאל אִין רֶבִּינ'ס הוֹיף. אִיהר זֶענֶען גוּט צוּ נִיטְץ גֶעקוּמֶען דִיא אַלֶע טְהַייֶערֶע שְׁטָאפֶען פוּן זַייד אוּנ סַאמֶעט וָואס זִיא הָאט אָנְגֶעקוֹיפְט אִין אִיהר גְרוֹיסֶער נְסִיעָה דוּרְךְ פָאהרֶענְדִיג מָאסְקְוַוא. זִיא הָאט אִיצְט פוּן דִיא טְהַייֶערֶע זַאכֶען מַתָּנוֹת גֶעטְהֵיילְט דֶעם רֶבִּינ'ס שְׁנִיר אוּנ טָאכְטֶער, וֶועלְכֶע עֶס הָאבֶּען עֶס צוּגֶענוּמֶען מִיט דַאנְק אוּנ הָאבֶּען זִיא הַיינְט מְקָרֵב גֶעוֶועזֶען מֶעהר וִוי אַלֶע מָאל. פַארְפָאהרֶען אִיז זִיא צוּם רֶבִּינ'ס עֶלְטֶערֶע טָאכְטֶער נִיטֶעלֶען. נִיטֶעלֶע הָאט אִיהר אָבְּגֶעגֶעבֶּען אַ שֵׁאנֶעם חֶדֶר אוּנ גֶעמַאכְט צוּ לִיעבּ דֶעם נַאסְט זֶעהר אַ פַיינֶעם מִיטָאג; צוּם מִיטָאג וַוארְן גֶעלַאדֶען אַלֶע קִינְדֶער דֶעם רֶבִּינ'ס אוּנ אַלֶע הָאבֶּען בֶּעוִויזֶען וִוי זֵיי פְרֶעהֶען זִיךְ מִיט אַזַא לִיעבֶּען נַאכְט.

אַז חַייֶע'לֶע הָאט זִיךְ שׁוֹין אַבִּיסֶעל אוֹיסְגֶערוּהט, אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען ר' פִּנְחָס'ל צוּ אִיהר, אוֹיךְ אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט פַארַאדְנֶער וִויא גֶעוָואהנְלִיךְ; נָאךְ דִיא גֶעוָואהנְלִיכֶע פְרַאגֶען: וָואס מַאכְט אִיהר? וָואס מַאכְט אַייֶער כַּלָּה נָאָה, רָחֵלֶ'ע? וָואס מַאכֶען דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנ וָואס מַאכְט ר' שְׁלֹמה? הָאט ר' פִּנְחָס'ל אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ בֵּיינֶעלֶע פַּאפִּיער אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייבֶּען אַ קְוִויטֶעל צוּם רֶבִּ'ין פַאר חַייֶעלֶ'ען.

— ר' פִּנְחָס'ל, הָאט חַייֶע'לֶע גֶעזָאגְט, אַז עֶר הָאט אִיהר דָאס קְוִויטֶעל דֶערְלַאנְגְט. אִיהר הָאט דָאךְ גָאר נִיט גֶעפְרֶעגְט וֶוענֶען וָואס צוּ שְׁרַייבֶּען, זַייט אַייךְ מַטְרִיחַ, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, לֵייעֶנְט מִיר פָאר אוּנ פֶערְטַייטְשְׁט וֶוענֶען וָואס אִיהר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען!

— פֶערְלָאזְט אַייךְ אוֹיף מִיר, חַייֶע'לֶע, אִיךְ הָאבּ גֶעטְרָאפֶען וֶוענֶען וָואס צוּ שְׁרַייבֶּען, פָאלְגְט מִיר אוּנ גֶעהט שׁוֹין אַרַיין צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען, עֶס זֶענֶען הַיינְט

דָא זֶעהר פִיעל אוֹרְחִים, כֵּן יִרְבּוּ, אוּנ וַוייל אִיהר זֶענְט חַייֶעלֶע, אַ חֲסִידָה וָואס פָאהרְט צוּם רֶבִּי'ן נִיט דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל – ווִיל אִיךְ, אִיהר זָאלְט דַוְקָא אִיצְט צוּ אִיהם אַבּייגֶעהן, אֵיידֶער עֶס קוּמְט דִי שָׁעָה, וָואס עֶר זָאל לֶעבֶּען, הַייבְּט אָן פְּרַאוֶועֶן.*)

– נִיט גֶעהמְט פַאר אוּמְנוּט, ר' פִּנְחָס'ל, הָאט חַייֶעלֶע אִיבֶּער גֶעבֶּעטֶען זַיין כָּבוֹד, אִיךְ גְלוֹיבּ אַייךְ, אִיהר ווֵייסְט מִסְתָּמָא מַיין לַאגֶע. נוּר ווִי זָאגְט מֶען: יֶעדֶער פִיהלְט זַיין אֵייגֶען וואוּנְד, אִיךְ ווִיל אִיהם בֶּעטֶען וֶועגֶען מַיין רָחֵל'עֶן אוּנ מִיט אִיהם זִיךְ אַ עֵצָה הַאלְטֶען ווִי יוֹצֵא צוּ זַיין דִי צַוָּאָה וָואס עֶר עָלָיו הַשָּׁלוֹם, הָאט גֶעלָאזֶען.

– חַייֶעלֶע, זַייט זִיכֶער, אַז נִיט הַיינְט שְׁרַייבּ אִיךְ דָאס עֶרְשְׁטֶע קְווִיטֶעל, אִיךְ הָאבּ אִיהם רֵאשִׁית דֶערְמָאנְט אַז אִיהר זֶענְט אַ אַלְמָנָה, נָאט זָאל אַייךְ טְרֶעסְטֶען, בִּיחוּד הָאבּ אִיךְ אִיהם דֶערְמָאנְט מִכֹּחַ אַייֶער בְּתוּלָה שֶׁתִּחְיֶ', זָאל עֶר נִיט דֶערְלָאזֶען דִי סִטְרָא אַחְרָא אָנְרִיהרֶען אִיהר טְהַייֶערֶען נֶפֶשׁ... חַייֶעלֶע, אִיךְ הָאבּ נִיט פֶערְגֶעסֶען, נָאךְ תְּחִילַת ווִינְטֶער, בְּעֵת אִיךְ בִּין בַּיי אַייךְ גֶעוֶועזֶען הָאבּ אִיךְ אִין אַייֶער כַּלָּה נָאָה סִימָנֵי עַצְבוּת בֶּעמֶערְקְט, עַצְבוּת בְּרֶענְגְט צוּ קֵיין גוּטְס נִיט, עַל כֵּן בֶּעט אִיךְ אִין קְווִיטֶעל – עֶר זָאל לֶעבֶּען, זָאל מִתְפַּלֵּל זַיין: עֶס זָאל אִיהר צוּגֶעשִׁיקְט וֶוערֶען אִיהר אֶמֶת'ר בֶּן זוּגָהּ, וֶועט מִמֵּילָא דִיא עַצְבוּת אִיהרֶע פוּן אִיהר אַרָאפּ. הֶערְט אוֹיס, דִיא תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה דֶערְצֶעהלְט: בְּעֵת אַבְרָהָם אָבִינוּ אִיז מִיט זַיין טְהַייֶערֶען בֶּן יָחִיד פוּן דֶער עֲקֵדָה צוּרִיק גֶעקוּמֶען אוּנ יִצְחָק הָאט גֶעפוּנֶען אַז זַיין מוּטֶער, דִיא צַדֶּקֶת שָׂרָה אִמֵּנוּ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען – הָאט עֶר זֶעהר פִיעל גֶעוֵויינְט אוּנ גֶעקְלָאגְט; פוּן וֵויינֶען אִיז עֶר אַריינְגֶעפַאלֶען אִין עַצְבוּת רַחֲמָנָא לִצְלַן, דִיא שְׁכִינָה, חַייֶעלֶע, אִיז נִיט שׁוֹרָה מִתּוֹךְ עַצְבוּת, דָאס הֵייסְט: פוּן אוּנְמוּטְהִיגְקֵייט קָאן מֶען צוּ רוּחַ הַקֹּדֶשׁ נִיט קוּמֶען; אַבְרָהָם אָבִינוּ הָאט אָבֶּער גֶעוָואלְט אַז אוֹיף זַיין טְהַייֶער קִינְד, וָואס אִיז עֶרְשְׁט פוּן דֶער עֲקֵדָה גֶעקוּמֶען, זָאל דִי שְׁכִינָה דַוְקָא רוּהֶען, הָאט עֶר פוּן אַ סְגוּלָה וֶועגֶען, גֶענוּמֶען פַאר אִיהם אוּנְזֶער מוּטֶער רִבְקָה דִיא צַדֶּקֶת אוּנ נְבִיאָה. דַארִיבֶּער דֶערְצֶעהלְט אוּנְז דִיא תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה: וַיִּנָּחֵם יִצְחָק אַחֲרֵי אִמּוֹ, אוּנ יִצְחָק אִיז גֶעטְרֶעסְט גֶעוָוארֶען נָאךְ זַיין מוּטֶער, דָאס הֵייסְט: דִיא שְׁכִינָה הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּרִיק שׁוֹרָה זַיין אוֹיף אִיהם ווִיא זִיא הָאט שׁוֹרָה גֶעוֶועזֶען בְּעֵת שָׂרָה אִמֵּנוּ הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט. אִיז דָאס אַלְץ גֶערֶעדְט בַּיי אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע אָבוֹת, וָואס מִתּוֹךְ עַצְבוּת הָאבֶּען זֵיי נוּר צוּ רוּחַ הַקֹּדֶשׁ נִיט גֶעקָאנְט קוּמֶען, אָבֶּער מִיר, וָואס אֲפִילוּ מִתּוֹךְ שִׂמְחָה אִיז אוּנְז נִיט גְרִינְג צוּ קוּמֶען לִידֵי רוּחַ הַקֹּדֶשׁ, קָאנֶען מִיר טַאקִי פוּן עַצְבוּת קוּמֶען חָלִילָה לִידֵי טוּמְאָה, דָאס מֵיינְט מֶען, פָּשׁוּט: מֶען קָאן חָלִילָה פוּן זִינֶען אַרָאפּ; דַארִיבֶּער אַז מִיר זֶעהן, אַז עֶס אִיז שְׁלֶעכְט, זֶענֶען מִיר יוּדֶען וָואס הָאבֶּען דִיא תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה גֶעלֶערְנְט, אוּנ מִיר פֶערְשְׁטֶעהן דֶעם רֶמֶז צוּ טְהוּן דִי טְהַייֶערֶע סְגוּלָה, וָואס אַבְרָהָם אָבִינוּ הָאט גֶעטְהוּן פַאר זַיין בֶּן יָחִיד יִצְחָק אָבִינוּ, אוּנ דָאס טַאקִי בֶּעט אִיךְ אִין קְווִיטֶעל, פַאר אַייֶער טָאכְטֶער וָואס אִיז אִיצְט בְּעַצְבוּת. וְגַם אֶת נֹחַ בְּאַהֲבָה זָכַרְתִּי, מִכֹּחַ אַייךְ גוּפָא, וָואס אִיהר זֶענְט גֶעוִויס אוֹיךְ בְּעַצְבוּת, הָאבּ אִיךְ אִיהם אוֹיךְ דֶערְמָאנְט, עֶר זָאל פַאר אַייךְ מִתְפַּלֵּל זַיין, אִיהר זָאלְט אוֹיךְ גֶעטְרֶעסְט וֶוערֶען מִיט אֶמֶת'ער נֶחָמָה צוּזַאמֶען מִיט אַייֶער לִיבּ קִינְד!....

– אִיךְ דַאנְק אַייךְ, ר' פִּנְחָס'ל הָאט חַייֶעלֶע צוּפְרִידֶען גֶעאֶנְטְפֶערְט, נוּר אִיךְ מוּז

*) פראווען הייסט: אויפנעהמען דיא אורחים את צונעהמען דיא פדיונות זייערע.

אייך נאך עפּיס דערצאהלען: ווי ער, עליו השלום, האט אין זיין צואה געשריבען איז זיין רצון געוועזען דהלעון חתונה צו מאכען מיט זיין פלעמעניק, איך האב אייך דערצאהלט, אויב איהר געדענקט, זיינע ווילדע נאנגען און נארישע חקירות; דאמאלס וואלט נאך א האלבע צרה געוועזען, אז דער משוגע זאל ווערן מיין קינדס בעשערטער. אבער איצט האט זיך פון איהם א תל אויסגעלאזען, זיין משוגעת האט איהם אין גאנצען פון וועג אראפגעפיהרט און ער איז אוועקגעפאהרן אין טייטשלאנד שטודירן און איז מסתמא א מופקר, א שאלטאק; וואס זאל איך איצט טהון? איך האב מורא, צו האט ער ניט מיין קינד א כשוף אנגעטהון.... און וואס טהוט מען מיט ר' שלמהן, ער איז דעם משוגענעם אויך א פעטער, און האט אויך א שטיקל דעה צו זאגען וועגען דעם ענין? איך מוז און וויל אבער פאר נאט דעם לעבעדיגען אויך יוצא זיין און געבען מיין קינד א מאן א פרומען יודען ניט א משוגע א שאלטאק, א גע־שטודירטען מופקר, וועה צו מיינע יאהרן!....

— ניט זארגט, איך וועל מכח דעם אליין רעדען מיט איהם זאל לעבען, האט ר' פנחס'ל מבטיח געוועזען, איהר דארפט וויסען חיי'עלע, אז איהר זענט א אשה חשובה, ניט פיעל אזעלכע נשים ווי איהר פערנעהמען ביי איהם זאל לעבען אזא ארט ווי איהר... זייט עס וויסען, פאר אייך איז זיין טהיר אפען ווען נור איהר וועט ברויכען עפּיס רעדען. ווייטער, בין איך פנחס זיין גבאי... און פאר אייך וועל איך טהון אלץ וואס וועט נור בכחי זיין צו טהון, איהר האט עס כשר פערדינט ביי מיר, חיי'עלע, און ניט זארגט! קומט נאך מיר.

ער האט זי אריינגעפיהרט אין א גרויסען חדר וואו עס האבען זיך אומגעדרעהט יונגע חנאקלעך, נארנעציקעס, און פליאסקעדריגעס. דאס זענען די דרי קלאסען חסידישע קינדער און יונגע לייט איידער זיי קומען צו דער מדרגה „חסיד״. אויסער די זענען דא געוועזן חסידים יונגערע און עלטערע, וועלכע עס האבען גערעדט און געאמפּערט זיך. ביי יעדען טיש זענען געזעסען גאנצע און האלבע־און אויך פערטהייל־נבאים און האבען קוויטלעך געשריבען פאר די חסידים, וועלכע זענען געבען זייא געשטאנען, איינער אויף דעם אנדערן אנגעלעהנט, און האבען געגעבען, גאנצע האלבע און פיערטהייל רובעלס פאר זייער וואויל שרייבען.

ביי דער טהיר, וואס פיהרט אין רבינ'ס יחידית־ציטער אריין, זענען געשטאנען א גאנצע מאסע יונגע חסידימלעך איינגעבויגען אין דרייען און האבען געקוקט דורכן לאך פון שלאס. איינער האט דעם אנדערן געשטויסען און פעטש איבערן קאפ זענען געפלויגען שטילערהייט. די געשלאגענע זענען אבער אזוי איינגעפרעסט געוועזען אין עולם און אזוי הינגעגעבען דעם, וואס זיי האבען דורכען שלאס געקאנט זעהן, אז זיי האבען נאר ניט געפיהלט און ניט געוואוסט פון די פעטש און קלאפ וואס שיטען זיך איבער זייערע קאפ, און האבען זייער ארט קיין אנדערן ניט געלאזען; מאנכע וואס זענען פון מיטען טאלפּא ארויסגעדרעגנט געוואהרן זענען פערשוויצט און אויסגעפארעט געוועזן ווייא ערשט פון א הייסער וואנע. חיי'עלע האט עס געזעהן און אין הערצען האט איהר א הנאה געטהון, וואס די אלע וועלן באלד זעהן ווייא פאר איהר וועלן זיך די טהירן ברייט פאנאנדער אפענען און זיא וועט נאר אהן

מִיט אוּנ אָהן מַאטֶערְנֶעס אָנְקוּמֶען צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען. בֶּעט זַיי אַלֶע וֶועלֶן בְּלַייבֶּען פוּן דָער זַייט אוּנ מְקַנֵא זַיין אִיהר גְלִיק אוּנ אִיהר כָּבוֹד...

וִויא דִיא חֲסִידִים הָאבֶּען בֶּעמֶערְקְט, אַז ר׳ פִּנְחָסְל פִירְט חַייעֶלֶען צוּם רְבִּין אַריין, הָאבֶּען זַיי זִיךְ אַ לָאז גֶעטְהוּן נָאךְ אִיהר: אַ קוּק טְהוּן אוֹיף אִיהם זָאל לֶעבֶּען, בֶּעט דִיא טְהִיר וֶועט זִיךְ אֶפֶענֶען. אַז זַיי זֶענֶען צוּגֶעקוּמֶען נָאהֶענְטֶער, הָאט ר׳ פִּנְחָסְל גֶעחַאפְּט עֶטְלִיכֶע נַארֶעגְצִיקֶעס פַאר׳ן קָאלְנֶער, זַיי אַ שְׁלֶעפ אוּנ אַ גֶעוַואלְדִיגֶען שְׁטוֹיס גֶעטְהוּן פוּן זִיךְ, אַז יֶענֶע זֶענֶען זִיךְ וִויא אִין דִי לוּפְטֶען צוּ פְלוֹיגֶען, אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען אִין דְרַייעֶן אַיינְגֶעבוֹיגֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ דוּרְכֶען שְׁלָאס גֶעקוּקְט הָאט עֶר מִיט כֹּחַ אַ וֶועג גֶעשְׁמִיצְט פוּן אַלֶע זַייטֶען. דַאן הָאט עֶר פוּן זַיין בּוּזֶעם קֶעשֶׁענֶע אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ שְׁלִיסֶעל אוּנ הָאט אָבְּגֶעשְׁלָאסֶען דִיא טְהִיר, בְּרַייט פַאנַאנְדֶער גֶעעָפֶענְט אוּנ חַייעֶלֶען דוּרְךְ גֶעלָאזֶען פְרַיי אִין רֶבִּינ׳ס חֶדֶר אַריין.

אַ פָּאר חְנָאקְלֶעךְ הָאבֶּען בְּרֵעָה גֶעהַאט זִיךְ אַריינְצוּחַאפֶּען דוּרְךְ דֶער אָפֶענֶער טְהִיר, אָבֶּער ר׳ פִּנְחָסְל הָאט זֵייא פַאר׳ן קָאלְנֶער אָנְגֶעהַאפְּט אוּנ אַרָאפּ גֶעלָאזֶען פוּן זַיינֶע כָּפוּל שְׁמוֹנָה׳דִיגֶע פֶּעטְשׁ, אַז דֶער גַאנְצֶער חֶדֶר הָאט גֶעקְלוּנְגֶען, זַיי הָאבֶּען דִיא פֶּעטְשׁ צוּגֶענוּמֶען אוּנ נִיט אִיבֶּערְרֶעדֶענְדִיג אַ וָוארְט זֶענֶען זַיי מִיט גֶעשְׁוָואלֶענֶע בַּאקֶען שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען, נוּר מִיט קִנְאָה צוּגֶעקוּקְט וִויא דִיא טְהִיר הָאט זִיךְ צוּרִיק פֶערְמַאכְט; דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ אוֹיךְ נִיט גֶעווּאוּנְדֶערְט, נִיט אוֹיף דִי פֶּעטְשׁ, נִיט אוֹיף דִי גְלַייכְגִילְטִיגְקֵייט פוּן דִי גֶעפַּאטְשְׁטֶע, וַוייל דָא אִיז גַאנְץ גֶעוָואהְנְלִיכֶעס גֶעשֶׁעהְן, וָואס מֶען זֶעהט דָאס עֶטְלִיכֶע מָאל אִין טָאג. מֶען ווייס, דָאס בִּיז אַזֶעלְכֶע חְנָכְלֶעךְ וֶוערֶען נַארֶעגְצִיקֶעס, בִּיז נַארֶעגְצִיגֶעס וֶוערֶען פְלַאסְקֶעדְרֵייגֶעס אוּנ בִּיז פוּן אַ פְלַיאסְקֶעדְרֵייגֶע וֶוערְט אַ חָסִיד — מוּזֶען זַיי גֶענוּג פֶּעטְשׁ אוּנ קְלֶאפּ צוּגֶעהֶמֶען פוּן ר׳ פִּנְחָסְל׳ם פָאלֶער הַאנְד, אָדֶער אַזוֹי פוּן עֶרְגֶעץ אַ בִּנְתָן וָתֶרֶשׁ. הָאטְשׁ נִיט סָרִיסִים אָבֶּער פוּן דִיא שׁוֹמְרֵי הַסַּף.

עֶר זָאל לֶעבֶּען הָאט בַּיי חַייעֶלֶען צוּגֶענוּמֶען דָאס קְוִויטֶעל מִיט אַ שֶׁאנֶעם פִּדְיוֹן אוּנ הָאט מִיט אִיהר זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ גֶערֶעדְט, זִיךְ נָאכְגֶעפְרֶעגְט וֶוענֶען גֶעזוּנְד אוּנ גֶעשֶׁעפְט, זִיא הָאט אִיהם מִיט טְרֶערֶען עֶרְצֶעהלְט דָאס נַיי אוּנְגְלִיק וָואס מֹשֶׁה׳לֶע, אִיהר קִינְד׳ס בֶּעשֶׁערְטֶער אִיז פֶערְפִירְט גֶעוָוארֶען אִין שְׁטוּדִירֶענֶעשׁ, אוּנ הָאט גֶעבֶּעטֶען מֵגִין זַיין אוֹיף אִיהר רָחֶלֶען, זִי זָאל אִיהם אִין גִיכֶען פֶערְגֶעסֶען.

— פַאר אַייעֶר כַּלָּה נָאָה, הָאבּ אִיךְ נָאךְ תְּחִילַת ווינְטֶער אַייעֶר פִּדְיוֹן מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ מַיין נְבִיאַי רִאשׁוֹן ר׳ פִּנְחָסְל, הָאט דֶער רֶבִּי גֶעאֶנְטְוֶוערְט. ר׳ פִּנְחָסְל אִיז אַ עֶהרְלִיכֶער, אַ לַייטִישֶׁער יוּד! הֶערְט אִיהר, חַייעֶלֶע? ר׳ פִּנְחָס׳ל, מַיין נְבִיאַי רִאשׁוֹן אִיז אַ יוּד אַ לַייטִישֶׁער!... עֶר הָאט פוּן אַייעֶר כַּלָּה׳ס וֶועגֶען מַמְלִיץ טוֹב גֶעוֶועזֶען, אוּנ אִיצְט בֶּעט עֶר פַאר אַייךְ אוּנ נָאךְ אַמָאל פַאר אַייעֶר כַּלָּה אוֹיךְ... אַייעֶר בְּתוּלָה, רָחֵל בַּת הָאִשָּׁה חַייעֶלֶע שֶׁתִּחְיֶ׳ אִיז אַ כַּלָּה נָאָה וַחֲסוּדָה, אַ חוּט שֶׁל חֶסֶד אִיז אוֹיף אִיהר, דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זָאל טְרַאסְטֶען אֶת הָאֵם עַל בִּתָּהּ, (דִי מוּטֶער מִיט אִיהר טָאכְטֶער) ר׳ פִּנְחָסְל דַאנְה׳ט פַאר אַייךְ, מַיין בְּרָכָה זָאל אַייךְ בֶּעגְלֵייטֶען בְּכָל אֲשֶׁר תִּפְנוּ!...

— אָמֵן! הָאט חַייעֶלֶע אוֹיסְגֶערֶעדְט, אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אַרוֹיסְגֶעהְן,

— אִיהר פָאהְרְט נָאךְ נִיט אַוֶועק! הָאט דֶער רֶבִּי גֶעזָאגְט. בִּתִּי נִיטֶעלֶע. וֶועס

נָאךְ רֶעדְען מִיט אַייךְ ; אַיילְט נִיט, חַייֶע'לֶע. .קֵיין זַאךְ טְהוּט זִיךְ נִיט אָהְן יִשּׁוּב הַדַעַת. אִיךְ ווִיל אִיהר זָאלְט בַּיי מַיינֶע קִינְדֶער שַׁבָּת הַאלְטֶען!

– אִיךְ בִּין גָאר אַייֶער חֶסֶד נִיט ווֶערְטה, רֶבִּי הֵיילִיגֶער! הָאט חַייֶע'לֶע בַּאנְקֶענְד גֶעאֶנְטְווֶערְט אוּנ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען.

מִיט קִנְאָה הָאבֶּען אַלֶע גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהר. בְּעֵת זִי אִיז אִיצְט–ווִי אַמָאל דֶער כֹּהֵן גָדוֹל פוּן קָדְשֵׁי הַקֳדָשִׁים–אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. זִיא אִיז שְׁטָאלְץ דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דֶעם גְרוֹיסֶען חֶדֶר. דָא הָאט זִי בֶּעגֶעגֶענְט דָאס וַוייבֶּעל ווָאס אִיז מִיט אִיהר אַלְס שׁוֹמֵר מִיט גֶעפָאהרְן אוּנ זִי הָאט אִיהר גֶעהֵייסֶען בֶּעטֶען ר׳ פִּנְחָס׳לֶען אִין אִיהר נָאמֶען, עֶר זָאל זִיא צוּ לָאזֶען צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען.

דָאס וַוייבֶּעל הָאט עֶס תֵּיכֶּף גֶעטְהוּן, אִין אַ פִּיעֶרְטֶהֵייל שָׁעָה אַרוּם הָאט זִיא חַייֶע'לֶען בֶּעדַאנְקְט פַאר אִיהר חֶסֶד אוּנ פַאר דֶער בְּרָכָה ווָאס זִי הָאט זוֹכֶה גֶעווֶעזֶען פוּן אִיהם זָאל לֶעבֶּען צוּ לִיעבּ אִיהר.

– דֶערְפַאר ווֶעל אִיךְ אִיבֶּער אַ יָאהר, אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם – אַז דִי בְּרָכָה ווֶעט מְקוּיָם ווֶערְן–אַייֶער טָאכְטֶער רָחֶל׳ען מִיט אִיהר חָתָן מְכַבֵּד זַיין גֶעוַואטֶער צוּם בְּרִית ווָאס גָאט ווֶעט גֶעבֶּען. הָאט דָאס וַוייבֶּעל מַבְטִיחַ גֶעווֶעזֶן.

אוֹיךְ בֶּערֶעלֶע שְׁפַאק הָאט חַייֶע'לֶעס זְכוּת גֶענָאסֶען אוּנ אִיז צוּם רֶבִּי'ן אָנְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג. עֶר אִיז צוּפְרִידֶען גֶעווֶעזֶען מִיט דֶער בְּרָכָה ווָאס דֶער רֶבִּי הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען אוּנ נָאךְ מֶעהר מִיט דִי .בְּרָכוֹת׳ ווָאס עֶר אַלֵיין הָאט גֶעמַאכְט אוֹיף זַיין אוּנ שְׁפִּירִיט ווָאס עֶר הָאט אוּמְזִיסְטֶע גֶעטְרוּנְקֶען מִיט אַלֶע חֲסִידִים. ווֶעלְכֶע פַאסְטֶען נִיט פָאר זַייעֶר זֶעהן זִיךְ מִיט אִיהם זָאל לֶעבֶּען אוּנ טְרִינְקֶען אָהְן אַ מָאס נָאךְ דֶעם נָאךְ מֶעהר!

– אַז בֶּערֶעלֶ'ע הָאט גֶעפְּרֶאנְט : בַּעַל׳בָּיתְטֶע, ווֶען זָאל אִיךְ שְׁפַאנֶען דִי פֶערְד! הָאט זִי גֶעזָאגְט : ווֶען אִיךְ ווֶעל דִיךְ הֵייסֶען, ווָאס אַיילְסְטוּ מֶעהר פַאר מִיר.

פְרַייטָאג פַאר נַאכְט. אַז דֶעם רֶבִּינ׳ס שְׁנִיר אוּנ טֶאכְטֶער הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן אִין שֶׁאנֶע קְלֵיידֶער, זִיךְ אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט מִיט טְהַייעֶרֶע צִירוּנְג. אִין גָאלְד אוּנ בְּרִילְיַאנְטֶען, צוּ גֶעהן צוּם רֶבִּינ׳ס טִישׁ לִיכְט בֶּענְשֶׁען לְכָבוֹד שַׁבָּת – אִיז חַייֶע'לֶע אוֹיךְ נִיט פֶערְשָׁאמְט גֶעווָארְן, זִי הָאט זִיךְ אוֹיךְ אָנְגֶעטְהוּן אוּנ אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט זֶעהר בַייךְ אוּנ אִיז בְּמְעַט דִיא שֶׁאנְסְטֶע גֶעווֶעזֶן צְווִישֶׁען אַלֶע הוֹיפְדַאמֶען.

פַאר יֶעדֶער אִשָּׁה פוּן רֶבִּינ׳ס גְרוֹיסֶער פַאמִילְיֶע – אִיז אַ זִילְבֶּערְנֶע מְנוֹרָה גֶעווֶעזֶן אָנְגֶעגְרֵייט מִיט גְרוֹיסֶע שְׁטַארִין לִיכְט, חַייֶע'לֶע הָאט אוֹיךְ אִין אַ זֶעקְס-רֶעהְרְנְ׳דִינֶע זִילְבֶּערְנֶע מְנוֹרָה לִיכְט גֶעבֶּענְשְׁט אוּנ דִיא לִיכְט הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט אוּנ בֶּעשַׁיינְט דֶעם טִישׁ, פּוּנְקְט ווִיא זַייא ווָאלְטֶען הַיינְט גֶעבֶּענְשְׁט גֶעווָארְן פוּן דֶעם רֶבִּינ׳ס אַ טָאכְטֶער.

נָאךְ׳ן דַאווְנֶען, זֶענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען דִי טֶאכְטֶער אוּנ שְׁנִיר צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען אוּנ הָאבֶּען אִיהם .גוּט שַׁבָּת׳ גֶעזָאגְט. חַייֶע'לֶע אִיז מִיט זֵיי צוּזַאמֶען אוֹיךְ צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנ עֶר זָאל לֶעבֶּען הָאט אוֹיךְ אִיהר, גְלַייךְ ווִי זַיינֶע אֵיינֶענֶע קִינְדֶער .גוּט שַׁבָּת, גוּט יָאהר!׳ גֶעאֶנְטְווֶערְט. נָאךְ זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צוּגֶעהן דִי חֲשׁוּבִים פוּן דִי חֲסִידִים גוּט שַׁבָּת זָאגֶען, אוּנ דִי צֶערְמָאנִי הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען אַ הַאלְבּ שָׁעָה. רֶעבְּצְס

פוּן רֶבִּינְ'ס שְׁטוּהל אוֹיבֶּענְאָן–הָאבֶּען זִיךְ צוּשְׁטֶעלְט דֶעם רֶבִּינְ'ס זִיהן אוּנ אֵיידֶעמְס, לִינְקְס–זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אַלֶע שְׁנִיר אוּנ טָאכְטֶער. צְווִישֶׁען זֵייא אֵיין הַיְיעֶלֶע אַלְס פְּרֶעמְדֶע אִין דֶער הֵיילִיגֶער פַאמִילְיֶע.

דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם, וֶועלְכֶער אִיז צוּם דַאוֶונֶען גֶעוֶועזֶן אִיז דָא גֶעבְּלִיבֶּען וַוארְטֶען אוֹיף דֶעם רֶבִּינְ'ס קִידוּשׁ. מֶען הָאט דָא גֶעזֶעהן יוּנְגֶעלַייט אוֹיסְגֶעוַוייקְטֶע. מָאגֶערֶע אוּנ הוֹיכֶע מִיט לַאנְגֶע אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶע הֶאלְזֶער, אִין שִׁיךְ אוּנ אִין וַוייסֶע זָאקֶען, פֵּאוֹת לַאנְגֶע ווִי דְרָאט גֶעדְרֶעהטֶע, קְלֵיינֶע שְׁפִּיצִיגֶע צִיגֶענֶע בֶּארְדְלֶעךְ, אוּנ אוֹיךְ יוּדֶען דִיקֶע אוּנ פֶעטֶע, אֵיינְגֶעדֶעקְטֶע אִין אַטְלֶעסֶענֶע קַאפָּאטֶעס, אוּנְטֶערְגֶעגַארְטֶעלְטֶע דִיקֶע בַּייכֶער– מִיט בְּרֵייטֶע זַיידֶענֶע גַארְטְלֶען, גֶעזוּנְדְטֶע פְלֵייצֶעס אוּנ אַנְשְׁטֶאנְדִיגֶע פְּנִים'ֶער, שֶׁאנֶע בֶּארְד פוּן אַלֶערְלֵיי פַארְבֶען, שְׁוַוארְצֶע, גֶעלֶע גְרוֹיֶע אוּנ גַאנְץ וַוייסֶע; דֶער רֶבִּי אַלֵיין אִיז גֶעוֶועזֶן אָנְגֶעטְהוּן אִין אַ וַוייסֶער אַטְלֶעסֶענֶע קַאפָּאטֶע, אַ טְהַייֶערֶע סָאבָּאל שְׁטְרַיימֶעל אוֹיף זַיין וַוייסֶען קָאפּ, זַיין לַאנְגֶער עֶכְט וַוייסֶער בָּארְד אוּנ זַיין שֶׁאן פְּנִים הָאט אִיהם פָארְגֶעשְׁטֶעלְט ווִי אֵיינֶעם פוּן דִי הֵיילִיגֶע אָבוֹת פוּן פַארְצַייטֶען. אַז עֶר אִיז צוּ צוּם טִישׁ, גֶענוּמֶען דֶעם בֶּעכֶער אִין הַאנְד, אִיז דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם שְׁטִיל גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ מֶען הָאט בְּאֵימָה וּבְיִרְאָה גֶעוַוארְט אוֹיף דֶעם קִידוּשׁ. עֶר הָאט קִידוּשׁ גֶעמַאכְט מִיט זֶעהר אַ שֶׁאנֶעם קוֹל נְגִינָה, אַזַא קִידוּשׁ מִיט אַזַא פַארַאד הָאט נָאךְ חַייֶעלֶע אִין אִיהר לֶעבֶּען נִיט גֶעהֶערְט. דֶער רֶבִּי הָאט אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען אַ רוֹב כּוֹס, אוּנ הָאט דֶעם בֶּעכֶער אַוֶועג גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיפֶן טִישׁ, ר' פִּנְחָס'ל הָאט צוּמִישְׁט דֶעם וַויין מִיט וַויין פוּן נָאךְ אַ בֶּעכֶער אוּנ הָאט אֵיינֶעם דֶערְלַאנְגְט דֶעם רֶבִּינְ'ס זִיהן אוּנ דֶעם אַנְדֶערְן–נִיטֶעלֶען דֶעם רֶבִּינְ'ס עֶלְטֶעסְטֶער טָאכְטֶער. נִיטֶעלֶע הָאט אַ זוּפּ גֶעטְהוּן אוּנ דֶערְלַאנְגְט חַייֶעלֶען, חַייֶעלֶע הָאט אוֹיךְ פֶּערְזוּכְט אוּנ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִי אִיבְּרִיגֶע קִינְדֶער. פוּן דֶעם מֶאנֶערְשֶׁען בֶּעכֶער הָאבֶּען צוּ זוּפֶּען אֵיינְצִיגֶע בֶּעקוּמֶען אַלֶע וָואס זֶענֶען דָא גֶעוֶועזֶן; כָּל זְמַן אִין בֶּעכֶער אִיז נָאךְ אַ בִּיסֶעל גֶעבְּלִיבֶּען הָאט מֶען אַלְץ דֶערְגָאסֶען מִיט פְרִישֶׁען וַויין, חֲשׁוּבִים הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען פוּן בֶּעכֶער זֶעלְבְּסְט. נִיט חֲשׁוּבִים הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט לֶאפֶעל אוּנ מֶען הָאט זֵיי אַרַיינְגֶעגָאסֶען אַ זוּפּ וַויין, וֶועלְכֶען זֵיי הָאבֶּען גֶעהַאפְּט אוּנ אוֹיסְגֶעלֶעקְט מִיט דֶער צוּנְג. אֵיינֶער הָאט אַזַא לֶאפֶעל בֶּעקוּמֶען, נוּר אַרִיבֶּערְגֶעהֶעמֶענְדִיג עֶס אִיבֶּער יֶעמַאנְדְס קָאפּ הָאט יֶענֶער אַ שְׁטוּיס גֶעטְהוּן זַיין הַאנְד אוּנ דֶער וַויין הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען בַּיים חָסִיד אוֹיפֶן פְלֵייצֶע, אַ פְלַיאסָקָאדְרֵייגֶע אִיז אוּנְטֶערְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּנ הָאט דִי פְלֵייצֶע אָבְגֶעלֶעקְט אוּנ אַז צוּ לֶעקֶען אִיז שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעוֶועזֶן וָואס, הָאט עֶר דֶעם חָסִיד אַ בִּיס גֶעטְהוּן, דֶער חָסִיד הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּנ אִיהם אַרָאפּ גֶעלָאזֶען אַ חֲסִידִישֶׁען פַּאטְץ; דֶער פְלַיאסְקָאדְרֵייגֶע הָאט זִיךְ גָאר נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּנ אִיז גֶעלָאפֶען וַוייטֶער חַאפֶּען אַזַא גְלִיק. בַּיים בְּרֶעג טִישׁ גֶאהֶענְטֶער צוּם מְהִיר הָאט גֶעקָאכְט ווִיא אִין אַ קֶעסֶעל. דָארְט הָאט מֶען זִיךְ גֶעדְרֶעאנְגְט אוּנ גֶעשְׁטוּיסֶען אַרוּם בֶּעכֶער אוּנ פֶּעטְשׁ הָאבֶּען זִיךְ גֶעשָׁאטֶען ווִי פַּיילֶען אִין אַ מִלְחָמָה. חַייֶעלֶע הָאט עֶס אַלֶעס גֶעזֶעהן אוּנ זִיךְ גְלִיקְלִיךְ גֶעפִיהלְט, וָואס זִיא הָאט אַזַא זְכוּת צוּ טְרִינְקֶען פוּן רֶבִּינְ'ס קִידוּשׁ תֵּיכֶף נָאךְ זַיין עֶלְטֶעסְטֶער טָאכְטֶער, נָאךְ פְרִיהֶער פַאר זַיינֶע שְׁנִיר אוּנ יוּנְגֶערֶע טֶאכְטֶער.

צוּם טִישׁ אִיז דֶער רֶבִּי גֶעזֶעסֶען אוֹיבֶּענְאָן, רֶעכְטְס–זַיין עֶלְטֶערֶער זוּהן, ר' וָלְפּוּקֶע

און נאך איהם די אײדים׳ס און די איבריגע זיהן, לינקס — איז געזעסען ר׳ פנחס׳ל. נאך איהם אלע אורחים און רייכע חסידים. די ווייבער האבען זיך צוזעטצט אין א זייטעג-צימער, וואס די טהיר איז נור מיט א דראפּירואװקא האלב פערהאנגען געוועזען. דארט איז חיי׳על׳ע געזעסען געבען ניטעלען און האט געקאנט צוזעהן אלץ וואס דער רבי און ר׳ פנחס׳ל טהוען. זיא האט געהערט ווי דער רבי האט ר׳ פנחס׳לען מכבד געוועזען ער זאל זינגען „יה רבון עלם" און ר׳ פנחס׳ל האט געזונגען. אלע חסידים האבען איהם געהאלפען; זיא האט אויך געהערט דיא תורה וואס ר׳ פנחס׳ל האט אין טיש געזאגט, און לאנגע שטראלען האט זיא געזעהן פון דיא שבת געבענשטע ליכט וועלכע בעדעקען דעם רבינ׳ס קאפּ און בעשיינען אויך ר׳ פנחס׳לען און דיא הייליגע שכינה רוהט אויף ביידען... „און דער ר׳ פנחס׳ל׳ האט זיא געקלערט, קאן באלד מיינער ווערן, אז איך זאל נור זאגען „איך בין מסכים". און דער כבוד און גדולה וואס איך האב דא איצט — וועט ניט אויף אווײלע זיין נור אויף אייביג!׳ זי האט זיך פערלארן אין איהרע געדאנקען און האט פערגעסען אז זי איז א אשה א אלמנה, וועלכע האט א מאל א מאן א טהייערן און א ליבען געהאט, זי האט פערגעסען, אז זי האט אהיים, און דארט אין דערהיים זיטצען איצט איהרע ליבע קינדער — ביי דעם שבת׳דיגען טיש און קוקען פילייכט אויף די געבענשטע ליכט מיט פערוויינטע אויגען...

שכור, האטץ ניט פון וויין, אבער פון צופיעל כבוד און גדולה — איז חיי׳על׳ע איצט געזעסען און איהר האט זיך פארגעשטעלט: זיא איז איונג מאדעל פון זעכצען יאהר, זי זיצט ביי איהרע עלטערן, און קוקט צו ווי איהר חתן דרש׳נט פאר א עולם יודען, אלע פרעהען זיך מיט זיין תורה, אלע זענען מקנא איהר גליק, און זי שאמט זיך, די אראפּגעלאזענע אויגען אויפהייבען א קוק טהון אויף דאס ליכטיג פנים זיינס.

און דארט ביי די מאנסלייט, האבען אלע די פינגער געלעקט פון די תורת ר׳ פנחס׳ל׳ס און פון די פעטע געריכטען וואס מען האט דערלאנגט. דער רבי האט פון אלץ פערזוכט און איבערגעלאזען דעם עולם שירים, וועלכע מען האט מיט די הענט צו האפּט און איינגעשלונגען. מען האט „מי שברך׳ס געמאכט דעם רבי׳ן, זיינע קינדער, אויך ר׳ פנחס׳לען, און יעדער האט מנדר געוועזען וויין צום טיש, און דעם רבינ׳ס סארוועער האבען תיכף ארויפגעטראגען טאקי פון רבינ׳ס קעהלער. חיי׳על׳ע האט אויך מנדר געוועזען א טוץ וויין און געלאזט מי שברך מאכען דעם רבי׳ן און דעם רבינ׳ס טאכטער ניטעלען און זיינע איבריגע טאכטער; זיא האט געהערט וויא א גבאי האט אויסגעשריען: בעבור שהאשה חיי׳על׳ע בת מרים.א.ז.וו. נאך דעם האט אויך ניטעלע געהייסען מי שברך מאכען דעם פאטער, ר׳ פנחס׳ל׳ען, אויך האשה הגבירה והצנועה חיי׳על׳ע בת מרים, און מען האט געגעסען געטרונקען, געזונגען און לוסטיג געוועזען וויא מען וואלט גאר פערגעסען: אז מען איז יודען ... יודען אין גלות... און אז דארט, אין יעדענס היים ווארטען דאגות און צרות. בעלי חובות און קאפּ-דרעהענעס און ווייב און קינד פערגיסען פילייכט איצט טהרערן מעהר אלס דער וויין וואס גיסט זיך דא ....

אז מען האט חיי׳על׳ען דערלאנגט דעם כוס וויין פון רבינ׳ס בענשען האט זיא געמיינט: דאס פערזוכט זיא דעם כוס פון דיא „שבע ברכות" נאך דעם אז איהר נע-

ליבּטער חתן האָט פון איהם פריהר געטרונקען... דער וויין האָט זי ערקוויקט, אָבער איהר בּלוט לײדענשאַפטליך צוהיטצט.

נאָך עטשערע האָט זיא ניטעלע אַרויסגעפיהרט זיך אַ ביסעל אָבּקיהלען אין רבּינ׳ס סאָד. דיא מאַנסלײט זענען בּײם טיש געבּליבּען, אונ האָבּען ווײטער געזונגען אונ ווידער געטרונקען. דער גאָרטען האָט אין אַלטע צײטען אַמאָל געהערט צו א רײכען גבאַר. אַז ער איז איבּערגעגאַנגען צום רבּינ׳ס עלטערן, האָט מען איהם אַפילו אַ ביסעל קלענער געמאַכט. אָבּער ער איז נאָך גענוג גרויס געבּליבּען אונ אַ ניט געניטער האָט דאָ גרינג געקאָנט פערבּלאָנזעט ווערן. אַלטע, דיקע אונ צווײגהאַפטע בּוימער זענען דאָ געוועזען ניט איבּער צו צאָהלען. שאָנע בּעסעדקעס דאָ טהײ צו טרינקען, אויך אַ בּרײטע אונ אַ טיפע סאַזעלקע, וועלכע האָט אין חסידישען עולם אַ נאָמען געהאַט פאַר איהר טהײער וואַסער וואָס איז אַ סגולה צו אַלץ.

נעבּען דער אַ סאַזעלקע איז דער שאָנסטער פּלאַטץ געוועזען פון גאַנצען גאָרטען, זעהר אַ ראָמאַנטישער אָרט אין אַ שטילער נאַכט דאָ אונטער די אַלטע בּוימער צו טרײמען. דאָ אויף אַ בּאַנק, אונטער אַ בּוים וואָס האָט שוין זײנע בּלעטער געהאַט פאַנאַנדערגעלאָזען, האָבּען זיך די בּײדע פרויען אָבּרוהען געזעטצט. חײעלע האָט געקוקט וויא דאָס וואַסער קרײצט זיך אין דורכזיכטיגע פאַלבּען אונ שטראַהלט אָבּ צוריק דאָס ליכט פון דער לבנה, וועלכע האָט איצט אין פאָלער פּראַכט געשײנט אין לויטערן קלאָרען הימעל. איהר האָט געדאַכט די לבנה בּאָדט זיך דאָ אונ שווימט אום אין דעם הײליגען וואַסער. וואו דער רבּי זאָל לעבּען איז טובל געווים, זײן גוף יעדען פריה מאָרגען... פון רבּינ׳ס שטוב האָט זיך אין די לופטען צוגעטראָגען אַ זיס געזאַנג. זי האָט שוין די חסידים פערגעסען אונ האָט געמײנט: זיא הערט דאָס געזאַנג פון הײליגע מלאָכים וועלכע זינגען שירה צו גאָט אין גן עדן וואו אויך זי איז איצט.

אַ היבּשע צײט זענען די בּײדע פרויען שטיל געזעסען. ניטעלע האָט בּעמערקט, אַז חײעלע חלומט אַ גוטען חלום וואַכענדיג אונ האָט געוואָלט איהר זאָל זיך ווײטער חלומן, וואָרום זי האָט אויך געוואוסט מיט וואָס איהר חלום פותר צו זײן. ענדליך האָט חײעלע אַ שווערן זיפץ געטהון.

– וואָס זיפצט איהר, חײעלע? האָט ניטעלע געפרעגט.

– ווײסט איהר, ניטעלע, וואָס איך טראַכט? האָט חײעלע זיך אָבּגערופען.

– איהר טראַכט מסתּמא, וועגען אײערע קינדער, וואָס בּאַנקען געווים אין דער הײם נאָך אײך, נור ניט זאָרגט, ליעבּע חײעלע, גאָט דער לעבּעדיגער זאָרגט פאַר זײ, אונזא דאגה זאָל זײן מיט אַלע יודישע יתומים, ווי איהר וועט דאַרפען דאגה'ן מיט אײערע קינדער, איהר זאָלט נור וועלן דעם טאַטענס זאָל לעבּען – עצה טהון...

זאָגט אָפען, חײעלע האָט ניטעלע ווײטער גערעדט, איך רעד מיט אײך ווי מיט מײן אײגענער שוועסטער, פאַר מיר בּרויכט איהר קײן סודות האָבּען, איהר וועט זעהן, איך וועל אײך אַלײן אויך מגלה זײן אַ סוד וואָס פאַר אַבי וועמען וואָלט איך עס ניט אַרויסרעדען, זאָגט אַדרבּא, מיט וואָס איז ר׳ פּנחס׳ל פאַר אײך קײן גוטער מאַן ניט, אַז איהר זענט אײך נאָך אַזוי פיעל מישב אונ האָט מורא דאָס וואָרט אַרויס צו לאָזען אַז איהר זענט מסכּים?

– איך זאָל אייך זאָגען דעם אמת, האָט חיי׳לע געענטפערט. ווייס איך אַליין ניט. וואָס ר׳ פּנחס׳ל איז ווייס איך. מיינע אויגען זעהן זיין גדולה חאָטש איך בין אַ אשה. הלוואי גיב גאָט מיין מינדסטן קינד אַזאַ מאַן אַ צדיק צו האָבען וויא ר׳ פּנחס׳ל איז! נור זאָגען מוז איך אייך, איך ווייס אַליין ניט: מיט וועלכע מעשים טובים מיינע, האָב איך ביי דעם רבונו של עולם אַזאַ גדולה פערדינט? נור ניט דאָס טראַכט איך... איך קאָן זיך קיין עצה געבען: וואָס טהו איך מיט מיין רחל׳ען? וואָס וועט דיא וועלט זאָגען, אַז איך וועל פריהער חופּה האָבען. איידער מיין קינד וועט נאָך אַ כלה ווערן? ר׳ פּנחס׳ל וועט נאָר אַזוי לאַנג ניט וועלן וואַרטען אויף מיר. אַ נויטה איז איהם? מען באַרף אין זיך ניט געאײַלט זיין, גיטעלע. אַזאַ ווי סייע׳לען – קאָן ער בעקומען אַלע טאָג. איך ווייס, אַז מען רעדט איהם מיט אַ טאָכטער פון גרויסע לייט!

– פאַר וואָס זאָלט איהר דאָס אַזוי זאָגען, חיי׳לע? האָט דעם רבי׳נ׳ס טאָכטער אויסגערעדט, גלויבט מיר, איהר זענט אויך ניט פון די, וועלכע מען קויפט פינף פאַרן גילדען. אַזעלכע חייע׳לעך האָבען מיר ניט פיעל צווישען דעם טאַטענס זאָל לעבען, חסידים. אמת, ר׳ פּנחס׳ל איז טאַקי אַ לייט, גאָט מאָג לאַנג און לייט בענטשען מיט זיין תורה און זיין חכמה אָבער וואָס ווייסט איהר אייער מזל? אַז דער טאַטע זאָל לעבען האָט געזאָגט: קיין גלייכערע זאַך איז נאָר אין דער וועלט ניטאָ, מסתמא ווייס ער דאָך. אַז עס איז בעשערט משמים... אייער מזל, אָהן עין הרע, איז אַזוי גרויס ווי זיין תורה און חכמה, אַי דאָס וואָס אייך שטעהט אין וועג וואָס אייער רחלע איז נאָך קיין כלה ניט? זאָל אַזוי גיך משיח קומען וויא גיך זיא וועט איהר בעשערטען האָבען! ... ווי מיינט איהר, אַז דער טאַטע זאָל לעבען אַליין וועט וועלן אייער קינדס שדכן זיין וועט ער קאָנען אויספירן אַרעכטען שדוך פאַר איהר, צו ניט?

– איך בין נאָר דעם חסד ניט ווערטה! האָט חייע׳לע געענטפערט. פאַר וואָס קומט עס מיר?

פרעגט קיין קשיות ניט, חייע׳לע, דער טאַטע זאָל לעבען ווייס מסתמא פאַר וואָס, ער פערגעסט ניט, חייע׳לע!.. אייערע צדקות וועגען צראַפּ דיא וואָנשאַל, אייער מזל זאָל אַלץ העכער און העכער שטייגען, צוליעב אייך וועט ער גוטס טהון אויך אייער קינד, געדענקט, וואָס איך זאָג אייך ....

חייע׳לע האָט געשוויגען.

– איך האָב געזאָגט: איך וועל אייך אַ סוד זאָגען, האָט גיטעלע ווידער אָנגע־הויבען, זעהט האָטש, אַז פאַר אייך זענען ביי מיר קיין סודות ניטאָ. איהר ווייסט דאָך, אַז דער טאַטע זאָל געזונד זיין, איז שוין אַ אַלטער מאַן, גאָט ווייס וויפיעל מיר און די וועלט–וועלען זיך נאָך פרעהען מיט איהם?... צווישען אונז זאָל עס נור בלייבען. ר׳ פּנחס׳ל האָט אין זיין האַנד אַלע חסידים, און נאָך הונדערט און צוואַנציג יאָהר, אַז מען וועט דאַרפען אויף דעם טאַטענס שטוהל אַרויפזעטצען מיין ברודער זלמנ׳ן–ווייסען מיר ניט וואָס מיט אונז, דעם טאַטענס איבריגע קינדער, וועט זיין? דאָס ווייסען מיר, אַז וואָס נור ר׳ פּנחס׳ל וועט וועלן דאָס וועט זיין, דיא שוואָגערין מיינע איז אַ רבינ׳ס אַ טאָכטער און זיא גרויסט זיך שוין אויף אונז, איצט רעדט מען ר׳ פּנחסלען, ט׳יא פאַר אייך זאָגענדיג, מיט אַ נאָהענטער קרובה דער איינגער

שְׁוֶוֹאגֶערִינְס, פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר דָאךְ, אַז אוֹיב ר׳ פִּנְחָס׳ל וֶועט מִיט אִיהר חוּפָּה הָאבֶּען וֶועט זִי גֶעוִויס נוֹטֶה זַיין צוּ אוּנְזֶער שְׁוֶוֹאגֶערִין מֶעהר וִויא צוּ אוּנְז. הָאבֶּען מִיר מוֹרָא. אַזוֹי וִוי ר׳ פִּנְחָס׳ל הָאט דָאךְ אִיצְט דִי גַאנְצֶע דֵעָה בַּיים טַאטֶען זָאל גֶעזוּנְד זַיין, אַז זִיא זָאל בַּיי אִיהם נִיט פוֹעֵל׳ן אַז דֶער מַאטֶע זָאל לֶעבֶּען, זָאל אָבְּזָאגֶען אַלְץ פַאר מַיין בְּרוּדֶער אוּנ פַאר אוּנְז זָאל עֶר נָאךְ זַיין פְּטִירָה, נָאךְ הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר, נָאר נִיט פֶערְזָארְגֶען... אִיהר וַוייסְט דָאךְ, חַיֶעלֶע, וִוי מִיר זֶענֶען גֶעצוֹיגֶען גֶעוָוארן, אוּנ וִוי שְׁוֶוער אוּנ בִּיטֶער אוּנְז קָאן חָלִילָה זַיין, אַז מִיר וֶועלן דַארְפֶען דֶעם קָאפּ אַרָאפּ לָאזֶען, זִיךְ אַיינְבּוֹיגֶען פַאר אוּנְזֶער שְׁוֶוֹאגֶערִין וָואס גְרוֹיסְט זִיךְ שׁוֹין אוֹיף אוּנְז... אָט דַארִיבֶּער לָאזֶען מִיר דֶערְוַוייל נִיט צוּ, אַז דֶער שִׁדוּךְ ר׳ פִּנְחָס׳לס מִיט דֶער שְׁוֶוֹאגֶערִינְס קְרוֹבָה זָאל אוֹיסְגֶעפִיהרְט וֶוערן. פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר? אִיךְ בֶּעט אַייךְ חַיֶעלֶע, נִיט שְׁטוֹיסְט אָבּ פוּן זִיךְ אַייעֶר מַזָל, הָאט חוּפָּה מִיט ר׳ פִּנְחָס׳לֶען, אִיהר זֶענְט אַ קְלוּגֶע אִשָּׁה, אַייעֶר דֵעָה וֶועט בַּיי אִיהם גֶעוִויס אַ דֵעָה זַיין; אוֹיף אַייךְ מָאגֶען מִיר זִיךְ פֶערְלָאזֶען. אִיהר וֶועט זֶעהן עֶס זָאל נוּר שָׁלוֹם אוּנ מְנוּחָה זַיין בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ אוּנ אִין הוֹיף!... אִיהר זֶענְט דָאךְ אוּנְזֶערֶע, חַיֶעלֶע. דֶעם טַאטֶענְס זָאל לֶעבֶּען לַאנְגֶעדִיגֶע חֲסִידָה, וִויא שְׁוֶועסְטֶער וֶועלן מִיר אַייךְ אַלֶע זַיין, אִיהר וַוייסְט וִויא אוּנְזֶער פְרַיינְד־שַׁאפְט צוּ שֶׁאטְצֶען אוּנ מִיר וֶועלן וִויסֶען וִוי אַייךְ צוּ דַאנְקֶען אוּנ לִיעבּ צוּ הָאבֶּען פַאר אַייעֶר פְרַיינְדְשַׁאפְט צוּ אוּנְז, אוּנ פַאר דֶעם שָׁלוֹם אִין אוּנְזֶער מִשְׁפָּחָה צוּ לִיעבּ אַייךְ! מִיט אוּנְז צוּזַאמֶען וֶועט אִיהר דָא אִין הוֹיף וָואהנֶען, מִיר וֶועלן אַייךְ נִיט אָבְּטְהֵיילֶען פוּן זִיךְ אוּנ אִיהר וֶועט אֶמֶת גְלִיקְלִיךְ זַיין אוּנ גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען ר׳ פִּנְחָס׳לֶען. אַייעֶרֶע קִינְדֶער וֶועלן אוֹיךְ גְלִיקְלִיךְ זַיין דוּרְךְ דֶעם!... צוּ לִיעבּ אַייעֶרֶע יְתוֹמִים, חַיֶעלֶע, אִיךְ רֶעד שׁוֹין נִיט צוּ לִיעבּ אַייעֶר אֵייגֶענֶעם גְלִיק, הָאטְשׁ אִיהר זֶענְט נָאךְ אָהן אַ עַיִן הָרָע, יוּנְג אוּנ שֶׁאן גֶענוּג אוּנ הָאט נָאךְ כִּמְעַט צוּ לֶעבֶּען גָאר נִיט אָנְגֶע־הוֹיבֶּען.. אֵיידֶער אִיךְ גֶעה אַוֶועק פוּן אַייךְ וִויל אִיךְ אַייעֶר וָוארְט הֶערן. זוּנְטִיג אִיז ל״ג בָּעוֹמֶר אוּנ מָארְגֶען בַּיי נַאכְט, קֶען טַאקִי דָא בַּייא אוּנְז דֶער קִנְיָן זַיין וָואס זָאגְט אִיהר?

חַיֶעלֶע הָאט אִין אִיהר לֶעבֶּען אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער נִיט גֶעהֶערְט. וָואס זָאל אִיהרֶע אֵיינְגֶעלִיעבֶּע אוּנ עֶהרְגֵייץ אַזוֹי שְׁמֵייכֶעלן, וִויא דִיא וֶוערְטֶער וָואס זִיא הָאט אִיצְט וַואכֶענְדִיג, נִיט אִין חָלוֹם—גֶעהֶערְט פוּן רֶבִּינ׳ס טָאכְטֶער, פוּן דֶער אִשָּׁה וָואס מַאנְכֶע חֲסִידִישֶׁע פְרוֹיעֶן שֶׁאטְצֶען זִיךְ גְלִיקְלִיךְ מִיט אִיהר אַוָוארְט אוֹיסְצוּרֶעדֶען; אוּנ דִיא רֶעדְט עֶס מִיט אִיהר אוּנ בֶּעט זִיךְ בַּייא אִיהר. אוּנ זָאגְט אִיהר צוּ גִילְדֶערְנֶע בֶּערְג! אִין אִיהר הַאנְד וֶועט דָאס גַאנְצֶע גְלִיק אוּנ שָׁלוֹם זַיין פוּן דֶער גַאנְצֶער פָארְנֶעהמֶער פַאמִילְיֶע. אִיהר דֵעָה וֶועט אַ דֵעָה זַיין, אַלֶע וֶועלן אִיהר לַאסְקֶע זוּכֶען, זִיא וֶועט דָא זַיין אַ הָאפְדַאמֶע, אוּנ וֶועט שְׁטֶענְדִיג בֶּענְשֶׁען לִיכְט אִין אַ זִילְבֶּערְנֶע מְנוֹרָה... נָאךְ דֶעם רֶבִּינ׳ס פְּטִירָה וֶועט ר׳ פִּנְחָס׳ל נָאךְ גְרֶעסֶער וֶוערן, אוּנ עֶס וֶועט צִיטֶערן פַאר אִיהם דִי יוּנְגֶע רֶבִּי׳צֶען, וֶועלְכֶע כְּלָאזְט זִיךְ שׁוֹין אַ בִּיסֶעל. אוּנ וַוייזְט אִיהר נִיט אַזֶעלְכֶע הִתְקָרְבוּת וִוי גִיטֶעלֶע... יַא! הָאט זִי גֶעקְלֶערְט, גִיטֶעלֶע אִיז גֶערֶעכְט. אָהן מִיר וֶועט דָא אַלְץ אַנְדֶערְשׁ וֶוערן, נוּר אִיךְ קֶען אַלֶעס פֶערִיכְטֶען!. אַנַייעֶר שְׁטָאלְץ הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף אִיהר גַאנְצֶעס וֶועזֶען, זִיא הָאט זִיךְ נִיט וָועלֶענְדִיג

מִיט אַ שְׁפָּאלְק אוֹיסְגֶעגְלַייכְט, ווִי זִיא וָואלְט נַייע כּוחות אִין זִיךְ גֶעפִיהלְט.

– וָואס זָאגְט אִיהר חַיֶעלֶע; הָאט נִיטֶעלֶע אִיבֶּער גֶעפְרֶעגְט נָאךְ אַ מָאל.

– וָואס זָאל אִיךְ זָאגֶען? הָאט זִי גֶעעֶנְטְוֶוערְט. דֶעם רֶבִּינְס זָאל לֶעבֶּען רָצוֹן, וֶועט קֵיין אִשָׁה נִיט דֶערְווִידֶער זַיין, זָאל זַיין רָצוֹן גֶעשֶׁעהן, אִיךְ בִּין זַיין חֶסֶד נִיט ווֶערְטָה!

– מַזָל, חַיֶעלֶע אִיז גְרֶאסֶער ווִיא אַלְץ! הָאט נִיטֶעלֶע עֶרְקְלֶערְט. וָואס ווַייסְט אִיהר וָואס פַאר אַ מַזָל אִיהר הָאט, אָהן אַ עַיִן הָרָע? ווַייסְט אִיהר ווִיא ר׳ פִּנְחָס׳ל וַוארְט אוֹיף אַייעֶר וָוארְט. אִיהר זָאלְט אִיהם אִיצְט רֶעדֶען מִיט אַ בַּת מַלְכָּה, וֶועט עֶר נִיט וֶועלן. „חַיֶעלֶע אִיז מַיין בֶּעשֶׁערְטֶע, זָאגְט עֶר, סַיידֶען דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶענְס רָצוֹן וֶועט נִיט זַיין”. הָאט עֶר מִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ ווֵייס, עֶר וַוארְט אוֹיף מַיין תְּשׁוּבָה. אִיךְ ווִיל אִיהם זַיין שַׁבָּת נִיט פֶערְשְׁטֶארן אוּנ וֶועל אִיהם נָאךְ הַיינְט אָנְזָאגֶען.

– מִיט וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ דַאנְקֶען? הָאט חַיֶעלֶע גֶעפְרֶעגְט. סַיידֶען נָאט וֶועט נִיט וֶועלן; נִיטֶעלֶע, בֶּעט גָאט פַאר מִיר, אִיךְ וֶועל אַייךְ אַ מָאל אָבְּדִינֶען, אִיךְ וֶועל אַייעֶר גוּטְס אוּנ חֶסֶד נִיט פֶערְגֶעסֶען ווִי לַאנְג אִיךְ וֶועל לֶעבֶּען!

בֵּיידֶע פְרוֹיֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּקוּשְׁט, חַיֶעלֶע הָאט אוֹיךְ גֶעווֵיינְט אַ בִּיסֶעל אוּנ מִיט טְרֶערֶען גֶעזָאגְט:

– זָאל זַיין אַזוֹי, פַאר יָאהרֶען הָאבּ אִיךְ מִיר דָאס נִיט פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, מִסְתָּמָא דַארְף דָאךְ אַזוֹי זַיין, אֶפְשָׁר אִיז מִיר נָאךְ בֶּעשֶׁערְט עֶפִּיס גוּטְס אוֹיף דֶער וֶועלְט? זָאגְט אִיהר, נִיטֶעלֶע, אַז דָאס אִיז פַאר מִיר אַ גְלִיק? גְלוֹיבּ אִיךְ אַייךְ, חָאטְשׁ דָאס הַארְץ אִין מִיר אִיז שְׁוֶוער ווִי אַ שְׁטֵיין בֶּעת אִיךְ קְלֶער וָואס אִיךְ טְהוּ אִיצְט, צוּם גוּטֶען זָאל עֶס זַיין רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! זָאגְט ר׳ פִּנְחָס׳לן אִיךְ: בִּין מַסְכִּים ...

זֵיי הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ אַ מָאל צוּקוּשְׁט, נִיטֶעלֶע הָאט נָאךְ מִיט גֶעטְרַייֶע רֵייד אִיהר גְרִינְגֶער גֶעמַאכְט דָאס הַארְץ אוּנ זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּ שֵׁיידְט. – אִין גְלִיקְלִיכֶע חֲלוֹמוֹת הָאט חַיֶעלֶע דוּרְכְגֶעשְׁלָאפֶען דִי נַאכְט, אַז זִי אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען הָאט זִיא גֶעפִיהלְט אַ נַייעֶן שְׁטָאלְץ: „אוֹים גַאסְט!” הָאט זִי זִיךְ גֶעזָאגְט, שׂוֹנְאִים וֶועלן נָאךְ בְּלִינְד וֶוערֶען קוּקֶענְדִיג אוֹיף מַיין כָּבוֹד, מַיין גְדוּלָה!...וֶועמֶען הֶאר אִיךְ? .... אַז אִיךְ בִּין פַאר אִיהם זָאל לֶעבֶּען יוֹצֵא, בִּין אִיךְ פַאר נָאט בָּרוּךְ הוּא אַוַדַאי יוֹצֵא, אִיצְט מָאגֶען לַייט רֶעדֶען וָואס זֵיי ווִילֶען!...”

נָאךְ׳ן דַאווְנֶען הָאבֶּען שׁוֹין אַלֶע גֶעווּאוּסְט אַז הַיינְט בַּיי נַאכְט וֶועט אַ קִנְיָן זַיין צְווִישֶׁען חַיֶעלֶען אוּנ ר׳ פִּנְחָס׳לֶען אוּנ מֶען הָאט זִיךְ גֶערִיכְט אוֹיף מַשְׁקֶה לָרוֹב אוּנ מֶען וֶועט טְרִינְקֶען עַד דְלָא יָדַע.

## ה.

שִׁימֶעלֶע אִיז גֶעזֶעסֶען אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ זֶעהר אוּנְמוּטְהִיג אוּנ פֶערְטְרַאכְט, חָאטְשׁ אִין דֶער פְרִיה צוּם דַאווְנֶען הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען דָא אַ טְרוּנְק בְּרוֹינְפֶען אוּנ פֶערְבַּייסֶען, אָבְּגֶעקָאכְטֶע אַייֶער לְכָבוֹד ל״ג בְּעוֹמֶר אָבֶּער עֶר הָאט הַיינְט פוּן זַיין אַלְטֶער גֶעהַאט אַ פִינְסְטֶערֶען טָאג. אוּנ וָואלְט מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען דִיא בְּרוֹינְפֶען מִיט דִיא אַייֶער, עֶס

זָאל בֶּעסֶער הַיינְט קֵיין ל״ג בָּעוֹמֶר נִיט זַיין . עֶר זָאל נִיט דַארְפֶען אָפְּצָאהלֶען דָעם גְרוֹיסֶען חוֹב : אַ גַאנְצֶען גִילְדֶען מְזוּמָן , וָואס זַיינֶע בֵּיידֶע יוּנְגְלֶעךְ הָאבֶּען בַּיי אִיהם אָנְגֶעקְלִיבֶּען פוּן זַיינֶע הַבְטָחוֹת פַאר זַייעֶר נוּט לֶערְנֶען , אוּנ נָאךְ מֶערר פַאר זַייעֶר שְׁוַוייגֶען , בְּעֵת זֵיי זֶענֶען הוּנְגְרִיג גֶעוֶועזֶען .

שְׁוַוייגְט קִינְדֶער׳ , פְּלֶעגְט עֶר זָאגֶען , וָואס וֶועט שׁוֹין זַיין , אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ קוֹיפֶען אַ בֵּיינֶעל אוּנ אִיהר וֶועט אִיהם שׁוֹין אוֹיפְעֶסֶען ? בֶּעסֶער וֶועל אִיךְ דִיא קָאפֶּעקֶע בַּיי זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען בִּיז אִיהר וֶועט אַזוֹי אָנְקְלוֹיבֶּען בַּיי מִיר אַ גַאנְצֶען גִילְדֶען , ־עֶרְנוויל וֶועט זַיין ל״ג בָּעוֹמֶר , וֶועל אִיךְ נֶעהמֶען דֶעם גִילְדֶען אוּנ וֶועל אַייךְ קוֹיפֶען אָפְּגֶעקָאכְטֶע אֵייעֶר , קִיכְלֶעךְ , מִיט זִיסֶע בְּרוֹינְפֶען , אוּנ מִיר וֶועלֶן מַאכֶען אַ סְעוּדָה כְּיַד הַמֶלֶךְ ... אָט וֶועט אִיהר וִויסֶען וָואס הֵייסְט ל״ג בָּעוֹמֶר אוּנ וָואס הֵייסְט אַ סְעוּדָה ! דִיא קִינְדֶער פְּלֶעגֶען אוֹיף דֶעם מִסְחָר בֶּעשְׁטֶעהן אוּנ שְׁוַוייגֶען . אַז אִין אַ וַוייְלֶע אַרוּם פְּלֶעגְט זֵיי דָאס הֶערְצֶעלֶע אָנְהֵייבֶּען חַלָשׁ׳ן אוּנ פְּלֶעגֶען אָנְהֶעבֶּען וִוידֶער וֵויינֶען , פְּלֶעגְט דֶער טַאטֶע זָאגֶען : זָאג יָאסֶעלֶע , דוּ וִוילְסְט אִיךְ זָאל דִיר קוֹיפֶען ל״ג בְּעוֹמֶר אַ רוֹיטֶע אֵיי , אָדֶער אַ גְרִינֶע ?

אַ רוֹיטֶע , פְּלֶעגְט דָאס קִינְד אֶנְטְוֶוערן חְלִיפֶּעְנְדִיג , נוּ גוּט , אַ רוֹיטֶע מִיט אַ גְרִינֶע ! פְּלֶעגְט דֶער אָרֶעמֶער טַאטֶע טְרֶאסְטֶען , וֵויין זְשֶׁע נִיט , זַיי אַ גוּט יוּנְגֶעל אוּנ זָאג דֶעם חוּמֶשׁ וַוייטֶער ! אַזוֹי הָאט עֶר זֵיי גֶענַארְט אוּנ גֶעלָאזְט חַלָשׁ׳ן , בְּעֵת עֶר הָאט אַלֵיין אוֹיךְ גֶעהוּנְגֶערְט . עֶנְדְלִיךְ אִיז גֶעקוּמֶען דֶער פִיעלְפֶערְשְׁפְּרָאכֶענֶער טָאג ל״ג בָּעוֹמֶר . דִיא קִינְדֶער זֶענֶען מִיט דֶעם בֶּעגִינֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען מָאהנֶען זַייעֶר גִילְדֶען אוּנ זַייעֶר סְעוּדָה . צוּם אוּנְגְלִיק זַיינֶען בֵּייכֶע תַּלְמִידִים , חַייְעֶלֶעס קִינְדֶער , הַיינְט אִין חֶדֶר נִיט גֶעקוּמֶען , — דִי אָרֶעמֶע חָאבֶּען נָאר גִישְׁט מִיטְגֶעבְּרַאכְט , דָאס וַוייבּ זַיינְס הָאט גֶעהֵייסֶען דִי קִינְדֶער נִיט אָפְּלָאזֶען דֶעם טַאטֶען אֵיין מִינוּט נִיט , זָאל עֶר טַאקִי פַאר זֵייא מַאכֶען אַ סְעוּדָה וִויא עֶר הָאט שְׁטֶאנְדִיג פֶערְשְׁפְּרָאכֶען .

— וֵוייסְט אִיהר וָואס קִינְדֶערלֶעךְ , אִיז עֶר אוֹיף אַ עֵצָה גֶעפַאלֶען , וַוארְט אַ וַוייְלֶע , דַאוֶוענְט אָבּ אַ פְּרִיהֶער , אָט וֶועלֶען קוּמֶען מָאטֶעלֶע אוּנ בֶּערֶעלֶע וֶועלֶן זֵיי בְּרֶענְגֶען , מִסְתָּמָא , כָּל טוּב , וֶועלֶן מִיר מַאכֶען דִי סְעוּדָה צוּזַאמֶען .

דִי קִינְדֶער אָבֶּער הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט וַוארְטֶען אוּנ הָאבֶּען גֶעוֵויינְט : אַ סְעוּדָה , אַ גִילְדֶען !

— דוּא וֵוייסְט יָאסֶעלֶע , וָואס אִיז טַייטְשׁ כָּל טוּב ? הָאט שִׁמְעוֹן גֶעפְּרוּבְט זֵייא פֶערְשְׁלָאגֶען דִיא טַעֲנָה זַייעֶרֶע , כָּל טוּב אִיז טַייטְשׁ : אַלְל דָאס גוּטֶס , אַ סַךְ בֵּיינֶעל מִיט פוּטֶער , מִיט קֶאז , מִיט אֵייעֶר צוּבְּרָאקֶעטֶע אִין זַאלְץ וַואסֶער , אַזוֹי וִויא פֶּסַח בַּייא נַאכְט , אַ סַךְ , אַ סַךְ ! אוּנ בָּאקְשָׁאר אוּנ נִיסְלֶעךְ , אָט וֶועט אִיהר הָאבֶּען אַ סְעוּדָה , וַוארְט נוּר , אִיךְ וֶועל אַרוֹיסְגֶעהן אִין גַאס בֶּעקוּמֶען גֶעלְד אוּנ אַלְץ אַלְץ אַיינְקוֹיפֶען .

— שְׁוַואר זִיךְ ! הָאבֶּען דִי הוּנְגְרִיגֶע קִינְדֶער פֶערְלַאנְגְט , עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארן . אַזוֹי הָאט עֶר זֵיי גֶענַארְט בִּיז נָאךְ הַאלְבֶּען טָאג אוּנ אִיז וִוירְקְלִיךְ גֶעגַאנְגֶען זוּכֶען , מַאפְּטֶען עֶרְגֶעץ אַ פָּאר גִילְדֶען . דָאס וַוייבּ זַיינְס הָאט אִיהם אָבֶּער נָאכְגֶעשְׁרִיעֶן :

שִׁמְעוֹן , זָאלְסְט בֶּעסֶער נָאר אַהֵיים נִיט קוּמֶען אָהן גֶעלְד ! הֶערְסְטוּ , וָואס אִיךְ זָאג דִיר ? עֶר אִיז צוּ דָחֶלֶ׳ען אַוֶועק אוּנ הָאט גֶעקְלֶערְט בֶּעטֶען לַייהֶ׳ען אַ הַאלְבּ קָארְבָּעל .

נוּר רָחֶל'ע אִיז נִיט גֶעזוּנְד גֶעוֶועזֶן. אוּנ עֶר הָאט־נִיט. זִי נִיט דִי קִינְדֶער גֶעקָאנְט זֶעהְן. מִיט אַ בֶּעטְרִיבְּטֶען הֶערְצֶען אִיז עֶר אַוֶועק אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ, טָאמֶער וֶועט עֶר דָא בֶּעקוּמֶען צוּ לַייהֶען עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען. מִנְחָה צַייט זֶענֶען אֲפִילוּ גֶעקוּמֶען אַ פָּאר בַּעֲלֵי־בָּתִּים וָואס קָאנֶען לַייהֶען אַ הַאלְבּ קָארְבֶּעל, אָבֶּער אֵיינֶער פוּן זֵייא הָאט אִיהם שׁוֹין אַ מָאל גֶעלִיהֶען אַ רוּבֶּעל אוּנ עֶר הָאט אִיהם נָאךְ עַד הַיּוֹם נִיט אָבְּגֶעגֶעבֶּען, צוּ דֶעם אַנְדֶערְן אִיז עֶר צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט:

— שׁוֹאֵל, דוּ ווִילְסְט פֶערְדִינֶען אַ מִצְוָה? בְּנֶאֱמָנוּת אַ מִצְוָה, לַייה מִיר אַ הַאלְבֶּען רֻבּ.

— אִיךְ ווִיל קֵיין מִצְוָה אוּנ אִיךְ ווִיל אַייךְ קֵיין הַאלְבֶּען רוּבֶּעל נִיט לַייהֶען, מֶעהר מִצְוֹת וֶועל אִיךְ הָאבֶּען, אַז אִיךְ וֶועל מַיין פְּלוֹנִית'טֶע אַוֶועק גֶעבֶּען אוֹיף מָארְגֶען אִין מַארְק אַרַיין, הָאט דֶער גוּטֶער בְּרוּדֶער גֶעאֶנְטְוֶוערְט.

— טָא לַייה מִיר חָאטְשׁ פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג קָאפֶּעקֶעס! הָאט שִׁמְעֶלֶע גֶעבֶּעטֶען.

— אִיךְ הָאבּ נִיט! הָאט שׁוֹאֵל זִיךְ קַאלְט אוֹיסְגֶערֶעדְט אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זָאגֶען קְטֹרֶת צוּ מִנְחָה.

— אַ גִילְדֶען אוֹיךְ נִיט? הָאט שִׁמְעֶלֶע גֶעפְרֶעגְט.

— קַח לְךָ סַמִּים נָטָף וּשְׁחֵלֶת וְחֶלְבְּנָה סַמִּים וּלְבוֹנָה זַכָּה בַּד בְּבַד יִהְיֶה! הָאט דֶער יוּד ווַייטֶער זַיינֶע קְטֹרֶת גֶעזָאגְט אוּנ שִׁמְעֶלֶען אָנְגֶעקוּקְט אַזוֹי, ווִי דִי ווָארְטֶער ווָאלְטֶען דִיא רִיכְטִיגֶע תְּשׁוּבָה גֶעוֶועזֶען אוֹיף זַיין בַּקָּשָׁה.

— פַאר הֶלְבְּנָה'ט זָאלְסְטוּ ווֶערן, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! הָאט שִׁמְעֶלֶע מִיט כַּעַס אוֹיסְגֶערֶעדְט, אַרִיבּ גֶעטְהוּן דִיא שְׁפִּיצֶען פִינְגֶער אָן שׁוֹיבּ אוּנ אַלֵיין אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זָאגֶען קְטֹרֶת. עֶר הָאט מִנְחָה אָבְּגֶעדַאוֶוענְט, אוּנ צוּ מַעֲרִיב אִין שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה הָאט עֶר כִּמְעַט אַלֵיין נִיט גֶעהֶערְט וָואס עֶר רֶעדְט, אַזוֹי אָנְגֶעפִילְט מִיט גֶעדַאנְקֶען אוּנ דַאֲגוֹת אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען. „חָאטְשׁ אֵיין גִילְדֶען שִׁיק מִיר צוּ, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!“ הָאט זַיין אָרֶעם הַארְץ אִין דֶער שְׁטִילֶער שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה הוֹיךְ גֶעשְׁרִיעֶן, אַז נִיט קָאן אִיךְ אַהֵיים נִיט קוּמֶען, חָאטְשׁ דָא גֶעבְּטִינֶען .... הָאבּ רַחֲמָנוּת, טַאטֶע פָאטֶער, אוּנ שִׁיק מִיר חָאטְשׁ אֵיין גִילְדֶען צוּ!“

גֶעווִיס הָאט דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זַיין בַּקָּשָׁה צוּגֶענוּמֶען, ווָארוּם ווִיא עֶר הָאט נוּר „עָלֵינוּ“ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זָאגֶען, אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אַ ווִינָאגְרָאדְקֶער בַּעַל־עֲגָלָה אוּנ הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט:

— דָאס זֶענְט אִיהר ר' שִׁמְעוֹן מְלַמֵּד?

— אֲנִי, אֲנִי הוּא, וְלֹא אַחֵר! הָאט שִׁמְעוֹן גֶעאֶנְטְוֶוערְט אִין לְשׁוֹן הַקֹּדֶשׁ, ווַייל עֶר הָאט נָאךְ דֶעם „עָלֵינוּ“ נִיט גֶעעֶנְדִיגְט.

דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט נָאךְ אַ מָאל אִיבֶּער גֶעפְרֶעגְט. — אִיךְ בִּין דָאס, אִיךְ. ווִיא אִיהר זֶעהט מִיךְ אַ יוּדֶען אַ כָּשֵׁר'ן אוּנ אַ פְרוּמֶען! הָאט שִׁמְעוֹן גֶעשְׁוָוארן, הַאלְבּ אִין כַּעַס. הַאלְבּ הָאפֶענְדִיג טָאמֶער וֶועט דָא ווֶערן אַ גִילְדֶען עֶר זָאל קָאנֶען אַהֵיים גֶעהְן.

— נוּ, אַז דָאס זֶענְט אִיהר, הָאבּ אִיךְ טַאקִי צוּ אַייךְ אַ בְּרִיוֶועלֶע מִיט נָאךְ עֶפֶּס, הָאט דֶער בַּעַל עֲגָלָה גֶעזָאגְט.

— רֵאשִׁית, נָאט אַייךְ אַוֶועק אַייעֶר „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם“! הָאט ר' שִׁמְעוֹן צוּפְרִידֶען אוֹיסְגֶערֶעדְט אוּנ דֶעם בַּעַל עֲגָלָה דֶערְלַאנְגְט זַיין הַאנְד. שֵׁנִית זָאגְט מִיר, פוּן וֶועמֶע

אִיז דָאס בְּרִיוועלֶע ? פוּן וַואנֶען קוּמְט אִיהר ? יֶע, אוּנ וָואס אִיז טַייטְשׁ : נָאךְ עֶפּיס ?

– אַיילְט נִיט, ר׳ שִׁמְעוֹן, אִיהר וֶועט זֶעהן פַּארְטִינֶערְהֵייט, דָאס בְּרִיוֶועלֶע אִיז פוּן דֶעם רֶבִּינ׳ס זָאל לֶעבֶּען נַבְּאַי, אִיהר וֶועט שׁוֹין זֶעהֶען וָואס עֶר שְׁרַייבְּט דָארְט.

– גִיט זְשֶׁע שׁוֹין דָאס בְּרִיוֶועלֶע ! הָאט שִׁמְעוֹן גֶעבֶּעטֶען. – דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט אַרוֹיס גֶענוּמֶען אַ אַיינְגֶעשְׁמִירְט פַּאפִּיער, פַאנַאנְדֶער גֶעוויקֶעלְט גַאנְץ רוּהִיג אוּנ גֶעלַאסֶען. דָא אִיז גֶעוֶועזֶען אַנַאנְצֶער דוּצֶענְד בְּרִיף, עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אֵיינְס אוּנ הָאט שִׁמְעוֹנ׳ן דֶערְלַאנְגְט. לֵייעְנְט אִיבֶּער, זַייט מוֹחֵל, דִיא אַדְרֶעסַא. אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ אִיז פִינְסְטֶערְלֶעךְ גֶעוֶועזֶען אוּנ שִׁמְעוֹן הָאט גֶעמוּזְט צוּגֶעהְן צוּם עָמוּד וואוּ עֶס הָאט נָאךְ אַ יָאהְרְצַייט לִיכְט גֶעבְּרֶענְט. לִמְסוֹר לִכְבוֹד הָרַבָּנִי הַנָּגִיד חַיִּים פִירְשְׁטַיין, בְּקִ״ק ווִינָאנָארָאדְקָא לְקִ״ק קְלֵיינִיץ׳ שְׂכַר טִרְחָה חֲמִשָּׁה קְטַנִּים.

– דָאס אִיז נִיט צוּ מִיר, הָאט שִׁמְעוֹן עֶרְקְלֶערְט.

– צוּ וֶועמֶען דֶען ? הָאט דֶער בַּעַל עֲגָלָה גֶעפְרֶעגְט.

– צוּ חַיִּים פִירְשְׁטַיין, אִיהר קֶענְט אִיהם נִיט ? הָאט שִׁמְעוֹן אוּנְגֶעדוּלְדִיג אוֹיסְגֶערֶעדְט.

– וואוּ וָואהְנְט עֶר ? הָאט דֶער בַּעַל עֲגָלָה רוּהִיג אוּנ קַאלְט אִיבֶּער גֶעפְרֶעגְט.

– אַ עֶק שְׁטָאדְט, הֶעט ווַייט הִינְטֶער דֶער בָּאד.

– נוּא זָאגְט זְשֶׁע מִיר, זַייט מוֹחֵל, ווִיפִיעל שְׁטֶעהְט דָא אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען שְׂכַר טִרְחָה ?

– פִינְף קָאפֶּעקֶעס !

– וֶועט עֶר נִיט קְרַאנְק זַיין קוּמֶען צוּ מִיר, הָאט דֶער בַּעַל עֲגָלָה מִיט כַּעַס אַ זָאג גֶעטְהוּן אוּנ דֶעם בְּרִיף אַריינְגֶערוּקְט אִין שְׁטִיוֶועל, עֶר הָאט אַרוֹיס גֶענוּמֶען פוּן פַּאק נָאךְ אַ בְּרִיף אוּנ דֶערְלַאנְגְט שִׁמְעוֹנ׳ן. אָב צוּ גֶעבֶּען לְבַעֲלֵי מוֹה׳ אַבְרָהָם גְרִינֶער בְּקִ״ק קְלֵיינִיץ. אוֹיפְן שׁוּלְהוֹיף שְׂכַר טִרְחָה פִינְף קָאפֶּעקֶעס.

– ווִיא זָאגְט אִיהר ? ווִי הֵייסְט עֶר ?

– וָואס אִיז דָאס מַיין דַאֲגָה ווִיא עֶר הֵייסְט ? הָאט שִׁמְעוֹן מִיט כַּעַס אוּנ אוּנְגֶעדוּלְד זִיךְ אָנְגֶעבָאזֶערְט, אַבִּי דָאס בְּרִיוֶועלֶע אִיז נִיט צוּ מִיר, בְּפֵירוּשׁ נִיט צוּ מִיר.

– ר׳ שִׁמְעוֹן, אִיהר זֶענְט דָאךְ אַ יוּד וָואס פֶערְשְׁטֶעהְט אִין דִיא שְׁוַוארְצֶע פִינְטְלֶעךְ, ווִיא קוּמְט עֶס צוּ אַייךְ נִיט צוּ פֶערְשְׁטֶעהְן וָואס אַ פְּרָאסְטֶער בַּעַל־עֲגָלָה אַ שְׁמַייסֶער פֶערְשְׁטֶעהְט ? הָאט דֶער בַּעַל־עֲגָלָה קַאלְט ווִיא פְרִיהֶער גֶעפְרֶעגְט.

– וָואס פֶערְשְׁטֶעהֶען ! וָואס וֶוען ? גִיט מִיר דָאס בְּרִיוֶועלֶע, אִיךְ הָאבּ קֵיין צַייט, אִין דֶערְהֵיים ווַוארְט מַיין ווַייבּ אוּנ קִינְד.

– נִיט גֶעאַיילְט, פוּן אַיילֶענִ׳ישׁ קוּמְט קֵיין גוּטְס נִיט אַרוֹס ! הָאט דֶער בַּעַל־עֲגָלָה זֶעהר פִילָאזָאפִישׁ עֶרְקְלֶערְט. אָט שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר כְּדוֹמֶה לְמָשָׁל : אִיךְ פִיהר פוּן קְלֵיינִיץ קֵיין ווִינָאנָארָאדְקָא שְׁטֶאנְדִיג, אַ פֶּעסֶעל הֶערִינְג, אַ פָּאר פֶעסְלֶעךְ בִּיר, אַ זֶעקֶעל זַאלְץ, אַ מָאל אוֹיךְ אַ קָארְבּ מִיט גְלֶאזֶער, טֶעלֶער, לֵיימֶענֶע טֶעפּ, אֲפִילוּ אַ שְׁפִּיגֶעל הָאבּ אִיךְ דָאס פַארְנַאנְגֶען מָאל גֶעפִיהְרְט, נוּ, אַז עֶס קוּמְט צוּם אַיינְפַּאקֶען דִיא עֲגָלָה פֶערְשְׁטֶעהְט אֲפִילוּ מַיין שְׁמַייסֶער, אַז דִיא שְׁוֶוערֶע מַשָּׂא לֶעגְט

מֶען אוּנְטֶען אוּנ דִי גְרִינְגֶערֶע פוּן אוֹיבֶּען , אוּנ זָאל קוּמֶען דֶער גְרֶאסְטֶער גְמָרָא לַמְדָן הֶערֶעהֶען מִיטָן גְרָאבֶּען פִינְגֶער אוּנ פְרֶאגֶען : טָאמֶער פֶערְקֶעהרְט ? וֶועל אִיךְ אִיהם זָאגֶען : פְרֶאגְט זַייט מוֹחֵל אַייֶער קַשְׁיָא אִין דֶער גְמָרָא, בַּיי מִיר אִין דֶער עֲגָלָה גֶעהט דִיא קוּנְצֶען נִיט אָן, דָא מוּז מֶען דִיא שְׁוֶוערֶע מַשָׂא לֶעגֶען אוּנְטֶען אוּנ דִיא גְרִינְגֶע וָואס קָאן צוּבְּרָאכֶען אָדֶער צֶעדְרִיקְט וֶוערן מוּז מֶען לֶעגֶען אוֹיבֶּען. אוּנ אַזוֹי אַז עֶס קוּמְט בַּיים אַרוֹיסְפַּאקֶען — מוּז מֶען פְרִיהֶער אַרָאפְּנֶעהמֶען דִיא גְרִינְגֶע אוּנ דֶער נָאךְ דִיא שְׁוֶוערֶע, כְּסֵדֶר... מָאנ בָּרוּךְ שֶׁאנֶקֶער שְׁרַייֶען חַי וְקַיָם, עֶר מוּז דָאס פֶּאסֶעל בְּרוֹינְפֶען, אָדֶער בִּיר, טַאקִי שׁוֹין הָאבֶּען, — בִּיז עֶס קוּמְט צוּ צוּ זַיין פֶּאסֶעל מוּז עֶר וַוארְטֶען, בְּוַדַאי עֶר מָאג דָא אַ כַּפָּרָה וֶוערן ! פוּן אַיילֶענֶעש, ר׳ שִׁמְעוֹן, וֶועט קַיין גוּטְס נִיט זַיין ! ...

— וָואס אִיז דָאס שַׁייךְ צוּ מַיין בְּרִיוֶועל ? הָאט שִׁמְעוֹן גֶעפְרֶאגְט, הֶערִינְג בִּיר גְרִינְגֶע אוּנ שְׁוֶוערֶע מַשָׂא, עֶס קְרִיכְט מִיר גָאר אִין קָאפּ נִיט, גִיט דָאס בְּרִיוֶועלֶע אִיךְ הָאבּ קַיין צַייט נִיט !

— פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר, דָאס מֵיינְט דֶער פָּסוּק ! הָאט דֶער בַּעַל־עֲגָלָה ווידֶער קַאלְט בְּלוּטִיג גֶעאֶנְטְוֶוערְט. מֶען מוּז גֶעהן כְּסֵדֶר, אִיהר זֶעהט דָאךְ, אַ גַאנְצֶער פַּאק בְּרִיף לֵייֶענְט. מִיר וֶועלן קוּמֶען צוּ אִיהם אוֹיךְ.

ר׳ שִׁמְעוֹן הָאט קַיין בְּרֵירָה גֶעהַאט אוּנ הָאט וַוייטֶער גֶעלֵייֶענְט דִי אַדְרֶעסֶען : לִמְסוֹר צוּ מַיין מַאן יוֹסֵף הֶערִינְג, בַּייא הַיְיֶעלֶע ר׳ לֵייזֶערְס הוֹיז, שְׂכַר טִרְחָה צֶעהן קָאפּ״ — אָט וֶועט אִיהר הָאבֶּען אַ סְעוּדָה צוּ מַאכֶען לְכָבוֹד ל״ג בָּעוֹמֶר, הָאט שִׁמְעוֹן מִיט קִנְאָה גֶעזָאגְט :

— אַ סְעוּדָה וֶועל אִיךְ מַאכֶען פַאר מַיינֶע סוּסִים, אַ פּוּד הֵיי מִיט אַ מֶעסְטֶעל הָאבֶּער !... אַז מֶען מַאכְט זֵיי קַיין סְעוּדָה נִיט, הֶעבֶּען זֵיי דִי פִּיס נִיט אוּנ אַז זֵיי הֶעבֶּען דִי פִּיס נִיט—דְרֶעהֶען זִיךְ דִי רֶעדֶער נִיט ; בַּיי זֵיי אִיז אַלֶע טָאג ל״ג בָּעוֹמֶר.

— וִוי דֶערְלֶעבּ אִיךְ שׁוֹין מַיין בְּרִיוֶועל צוּ זֶעהן, אַ אָנְשִׁיקֶענֶעשׁ, רַחֲמָנָא יַצִילֵנִי הָאט שִׁמְעוֹן אוֹיסְגֶעזִיפְצְט פוּן אוּנְגֶעדוּלְד.

— אָט אַזוֹי רֶעדֶען מַיינֶע פֶערְשׁוֹינֶען אוֹיף מַיין עֲגָלָה, יָאלְדֶעס זֶענֶען זֵיי ! הָאט דֶער בַּעַל עֲגָלָה זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, אָבֶּער וָואס זָאגֶען מַיינֶע חֲכָמִים, דִיא סוּסִים מַיינֶע, זָאלְן גֶעזוּנְד זַיין ? הָאט צַייט, מִיר קָאנֶען זִיךְ נִיט צֶערַייסֶען צוּ לִיעבּ אַייךְ ! זָאגֶען זֵיי אוּנ גֶעהן זִיךְ זֵייֶער וֶועגְס מְלָה בְּמִלָה, טְרִיט בַּיי טְרִיט. וָואלְט אִיךְ גֶעהַאט דֶעם בַּעַל־שֵׁם׳ס פֶערְדל וָואלְט אִיךְ אִין אֵיין טָאג דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אוֹיסְגֶעפָאהרן, אַ מַכָּה דֶעם אֵייזֶען־בַּאנְד אִין זַיין פִּיסְק אַרַיין !

שִׁמְעוֹן הָאט גֶעמוּזְט אִיבֶּערְלֵייֶענֶען אַלֶע אַדְרֶעסֶען, דֶער בַּעַל־עֲגָלָה הָאט עֶטְלִיכֶע מָאל אִיבֶּערְגֶעפְרֶאגְט : וִויא, אוּנ וואו וָואהנְט יֶעדֶער, אוּנ הָאט יֶעדֶעס בְּרִיוֶועל אִין אַ בֶּעזָאנְדֶער אָרְט בַּיי זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען, אִין דִי שְׁטִיוֶועל, אִין הִיטֶעל, אִין אַלֶע קֶעשֶׁענֶעס, אַלֶץ מִיט סִימָנִים אוּנ זִיךְ גוּט אַיינְגֶעצֵייכֶענְט דִיא נָאמֶען. אַז עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּם לֶעצְטֶען אוּנ שִׁמְעוֹן הָאט דֶערְזֶעהן אַז דָאס בְּרִיוֶועל אִיז אוֹיךְ נִיט צוּ אִיהם הָאט עֶר שׁוֹין כְּדֵעָה גֶעהַאט דֶעם בַּעַל עֲגָלָה צוּ שֶׁעלְטֶען אִין טַאטֶען אַרַיין. נָאר אִין מִיטֶען הָאט עֶר אַ קְלָאר גֶעטְהוּן אִיהם צוּ בֶּעטֶען לַייהֶען אַ גִילְדֶען, וָוארוּם

אין בֵּית הַמֶדְרָשׁ איז שוין דֶערְוַוייל קֵיינֶער נִיט גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנ וִוי גֶעהט מֶען אַהֵיים אָהן אַ גִילְדֶען? עֶר הָאט דַארִיבֶּער מִיט אַ גֶעצְוואוּנְגֶענֶעם שְׁמֵייכֶעל גֶעזָאגְט: נוּ, זַייט אִיהר אַ קְלוּגֶער, אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַ יוּדֶען אַלַמְדָן.—אִיךְ בִּין אַייךְ מַיין כָּבוֹד הַתּוֹרָה מוֹחֵל, נוּר אִיבֶּער אַייךְ הָאבּ אִיךְ אַ גִילְדֶען פַּרְנָסָה אָנְגֶעוָוארן אוּנ דֶעם גִילְדֶען מוּז אִיךְ הָאבֶּען, חָאטְשׁ עֶס מָאג זִיךְ קֶעהרֶן הִימֶעל אוּנ עֶרְד.

— אִיהר וֶועט שוין בַּאלְד הָאבֶּען מֶעהר וִוי אַ גִילְדֶען, הָאט דֶער בַּעַל עֲגָלָה גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אָט בַּאלְד גִיבּ אִיךְ אַייךְ אַייעֶר בְּרִיוֶועלֶע, אַ טְהַייעֶר בְּרִיוֶועלֶע! עֶר לִינְט בַּייא מִיר נָאר אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער אָרְט, אִיךְ הָאבּ אִיהם בֶּעהַאלְטֶען אִין מַיין בּוּמַאזְשְׁנִיק. פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר, דָאס אִיז אַ גֶעלְד־בְּרִיף אוּנ מֶען מוּז עֶס מֶעהר הִיטֶען וִוי אַזוֹי אַ בְּרִיוֶועל וָואס אִיז נוּר מַיין הֶזִיק אַז אִיךְ פֶערְלִיר אַ מָאל אִין וֶועג, דָאס הֵייסְט: מַיינֶע פִינְף קָאפֶּעקֶעס גֶעבִּיךְ, וָוארוּם יֶענֶער אִיז נִיט חוֹלֶה נָאךְ אַמָאל אַזַא בְּרִיוֶועלֶע אוֹיפְשְׁרַייבֶּען, עֶס קָאסְט אִיהם טְהַייעֶר דִי שְׁוַוארְצֶע פִינְטְלֶעךְ וָואס?...

— טָא פַאר וָואס הָאט אִיהר אִיהם גֶעזוּכְט צְווִישֶׁען דֶעם פַּאק בְּרִיף, אַז אִיהר הָאט מִתְּחִילָה גֶעוואוּסְט, אַז מַיין בְּרִיף אִיז דָא נִיטָא?

— אִיהר זֶענְט דָאךְ עֶפִּיס אַ יוּד אַ תַּלְמִיד חָכָם, אוּנ אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט דָאךְ מִסְתָּמָא אַ אִינְטֶערֶעס, הָאט דֶער בַּעַל עֲגָלָה גֶעאֶנְטְוֶוערְט, וֶועל אִיךְ אַייךְ טַאקִי דֶעם אֱמֶת זָאגֶען: אִיךְ וַוייס נוּר וָואס טְהוּט זִיךְ אִין מַיין וָואגֶען, אָבֶּער אוֹיף דִיא שְׁוַוארְצֶע פִינְטְלֶעךְ דָא, בִּין אִיךְ לֹא עֲלֵיכֶם, גָאר קֵיין מֵבִין נִיט, אָט הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט אִיהר זָאלְט מִיר אִיבֶּערְלֵייעֶנֶען אַלֶע אַדְרֶעסֶען אִיךְ זָאל וִויסֶען וֶועמֶען דִי בְּרִיף אָבְּצוּגֶעבֶּען. לָאם מִיר זִיךְ נִיט נַארְרֶען, שְׂכַר טִרְחָה וֶועט אִיהר נִיט גֶעבֶּען, נִיט אִיהר אוּנ נִיט ר׳ פִּנְחָס׳ל, נַייל, וִויא זָאגְט מֶען: אַ גֶעהֶמֶער אִיז נִיט קֵיין גֶעבֶּער. דַארִיבֶּער הָאט אִיהר אַייךְ גֶעמָאגְט מַטְרִיחַ זַיין מִיר אִיבֶּערְצוּלֵייעֶנֶען דִיא אַדְרֶעסֶען, אַ טִרְחָה פַאר אַ טִרְחָה אוּנ מִיר זֶענֶען קְוִויט.

בַּיי דִי רֵייד הָאט עֶר פוּן זַיין פֶערְפֶּעכְטֶען בּוּמַאזְשְׁנִיק אַרוֹיס גֶענוּמֶען אַ בְּרִיוֶועל אוּנ דֶערְלַאנְגְט שִׁמְעוֹנֶ׳ן. שִׁמְעוֹן הָאט דִיא אַדְרֶעסֶע אִיבֶּערְגֶעלֵייעֶנְט:

„לִמְסוֹר לְעֶצֶם יַד ר׳ שִׁמְעוֹן שַׁדְכָן הַמְכוּנֶה שִׁמְעוֹן מְלַמֵּד בְּק״ק קְלֵיינִיץ בְּצֵירוּף סַךְ עֲשָׂרָה רוּ״כ.״ שִׁמְעוֹן הָאט מִיט צִיטֶערְנְדֶע הֶענְדְט דָאס בְּרִיוֶועל צוּגֶענוּמֶען אוּנ זִיךְ גוּט גֶעהִיט עֶר זָאל דֶעם קָאנְוֶוערְט חָלִילָה נִיט אַיינְרַייסֶען, עֶר הָאט דָאס בְּרִיוֶועלֶע אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען. פוּן בְּרִיוֶועלֶע הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ נַייעֶן בִּילֶעט צֶעהן רוּבֶּעל. דֶעם בִּילֶעט אַרוּם גֶעקוּקְט פוּן אַלֶע זַייטֶען. אִיהם גֶעהַאלְטֶען גֶעגֶען יָאהְרְצַייט לִיכְט אוּנ גֶעקוּקְט מִיט פֶערְגְנִיגֶען אוֹיף דִי קְלֵיינֶע אוֹתִיוֹת׳לֶעךְ: „צֶעהן״, „צֶעהן״, „צֶעהן״, וִויא עֶר וָואלְט דָא גֶעזוּכְט דֶעם גֶעהֵיימֶען כֹּחַ וָואס לִיגְט אִין דֶעם פַּאפִּיר׳ל, וָואס אַלֶע יָאגֶען זִיךְ אַזוֹי נָאךְ אִיהם אוּנ וָואס הָאט אִיהם זֶעלְבְּסְט אַזוֹי שְׁטַארְק מְשַׂמֵּחַ גֶעוֶועזֶען. אַנְדֶערְלִיךְ הָאט עֶר דָאס צֶעגֶערְל גֶעהָארִיג צוּזַאמֶענְגֶעלֶעגְט אוּנ הָאט פֶערְגְנִיגֶען גֶעהַאט וָואס עֶס אִיז דַוְקָא אַ נַיי׳עס אוּנ קְנַאקְט נָאךְ אוּנְטֶער דִיא פִינְגֶער. אַלֶע זַיינֶע קֶעשֶׁענֶעס הָאבֶּען אִיהם וֶועניג זִיכֶער אוֹיסְגֶעוִויזֶען דָאס צֶענֶערְל צוּ בֶּעהַאלְטֶען אוּנ הָאט צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט: „דֶער בֶּעסְטֶער אָרְט אִיז אִין הַאנְד״ אוּנ הָאט עֶס פֶעסְט אַיינְגֶעקְרֶעמְפְּט אִין זַיין רֶעכְטֶער הַאנְד, עֶרְשְׁט אִיצְט הָאט עֶר דָאס בְּרִיוֶועלֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען לֶעזֶען:

*) אין פראסט יודיש איז דער בריף אונגעפעהר אזוי :

צו דעם פרומען און נאטספארכטיגען, וואס צווישען חסידים איז זיין כבוד אייגציג. ה' שמעון שדכן, דאס איז זיין נאמען און זיין זכר צו מזל און ברכה אויף שטאנדיג. ערשטענס מעלד איך דיר שמעון דער גליקליכער, אז דיא געוויסע זאך וואס דו האסט מיר פארגעלעגט איז מיר געפאלען, א בעוייז דערצו איז, אז טאקי נעכטען בעת אלע יודען פערלירן זייער נשמה יתירה, ד. ה. שבת'ע נאכט, האב איך דווקא געפונען א נייע נשמה, איך מיין: די נשמה פון דער אשה חייע'לע וואס האט זיך פעראייניגט מיט מיין נשמה – און אז איך האב דאס מגלה געוועזן פאר איהם זאל לעבען האט ער אזוי געזאגט: „ארעכטע זאך קומט דורך ארעכטען מענשען. שמעון שדכן איז א רעכטער מענש און גאט וועט איהם בענשען מיט הצלחה, ער זאל בעגליקען אין אלע שדוכים וואס ער וועט פיהרן״. פון מיין זייט שיק איך דיר פאר דיין טרחה צעהן רובעל, נור פאר דיין טרחה אבער ניט פאר דער מצוה, ווארום פאר א מצוה ווערט מען ערשט אויף יענער וועלט בעצאהלט... און אז מיר וועט זיך טרעפען שדכנות'ע זאכען וועל איך מסתמא שיקען צו דיר, ווארום דעם רבינ'ס ברכה איז קיין קליינינקייט ניט. איך בין זיכער אז פון היינט אן וועסטו שטאנדיג מיט גליק אויספיהרן יעדען שדוך וואס דוא וועסט דער שדכן זיין. אזוי גוט און אזוי וואהל צו דיר! דיין בעלאהנונג וועסטו האבען אויף דער וועלט און צוויי מאל אזוי גליקליך וועסטו זיין אויף יענער וועלט. איצט הער נור מיין עצה וועסטו גוט מאכען. האסטו עפים שדוכים אויסצופיהרן. נעהם זיך און פיהר אויס. ווער איז צו א סוטער נאהענטער וויא איהר אייגענע טאכטער ! .... א קלוגער שטויסט זיך פון איין וואונק א סך .....

---

*) לכבוד הירא והחרד בקהל חסידים יתר כבודו מוה' שמעון שדכן נ"י זה שמו וזה זכרו למזל ולברכה תמיד.

„ראשית אודיעך שמעון הזכאי, אז דער ענין הידוע, וואס דוא האסט מיר מציע געוועזן בעזרת השם יתברך האט געפונען חן אין מיינע אויגען, און א ראיה דערצו איז טאקי נעכטען, בעת אלע יודען זאגען: „וי אבדה נפש״, האב איך דוקא געפונען א נייעם נפש, כלומר: את נשמת האשה החשובה והצנועה מרת חייעלע שתחי' שנשמתי נתדבקת בשרש נשמתה, הדא הוא דכתיב: ורות דבקה בה, בו אין כתיב כאן אלא בה מלמד בשרש נשמתה. וכשגליתי את הדבר הזה לפני אדוננו ורבינו שיחי' ענני בזה הלשון: מגלגלין זכות על ידי זכאי, שמעון שדכן איז א זכאי, וה' יברכו בהצלחה. מצדי שיק איך דיר שכר טרחה סך עשרה רובעל כסף, נור שכר טרחה, ווארום שכר מצוה בהאי עלמא ליכא כידוע. כשיבא לידי א ענין פון נכבדות, וועל איך שיקען צו דיר, ווארום ברכת רבינו זכותו יגין עלינו, לא קלה בעיני... מובטחני בך כי מהיום והלאה, וועסט ווערן א גרויסער מוצלח לגמור כל ענין נכבר שתהי' אתה הממוצע בבי טוב. אשריך וטוב לך שמעון הזכאי! . . . שכרך תקבל בעולם הזה וכפלים לתושיה בעולם הבא, ועתה שמעון הזכאי, שמע אלי איעצך וטוב לך, האסטו ענינים פון נכבדות, טהו און פיהר אויס, ומי קרוב לאס יותר מבתה? .... ודי לחכימא ברמיזא, והבן! .... אזר מתניך, טהו אנגירטלען דיינע לענד'ען, רכב וצלח, בעגליק און רייט עד שתקוים בך ברכת רבינו שיחיה, מברכך ברוך ואת אשר תברך יבורך, נאום הרוצה בהצלחתך פנחס הלוי, :

---

שימעלע האט זיינע אויגען ניט געגלויבט און האט דאס בריוועלע דריי מאל דורכגעלעזען, געלערנט, פערטייטשט און אויסגעלעגט יעדעס ווארט. ער האט דא קשטים סודות און רמזים געפונען.

זייט ער איז א שטיקעל מענש איז ער אויך שטאנדיג א שדכן געוועזען און איהם

האט זיך וועלטען איינגעגעבען ער זאל א שדוך אליין אזוי גרינג אויספיהרן, צום אויספיהרן פלעגען וויא פון דער ערד ארויסגעוואקסען נייע שדכנים און איהם פלעגט פון די שדכנות א קאפעקע וועלטען צופאלען. היינט האט ער אנגעהויבען גאר אונגערן, ניט וועלענדיג. מעהר ניט פון א תרוץ וועגען, הייעלע זאל איהם א פאר רובעל לייהען, ער זאל קאנען פסח מאכען און עס האט איהם אזוי מצליח געוועזען, דער שידוך איז שוין אויסגעפיהרט. מצד החתן האט ער שוין א נייע קנאקענדיג צענערל....

ר' פנחס'ל איז אליין א מקבל און א מקבל איז ניט א נותן, האט ער געקלערט, איז פון זיין זייט טאקי די והותיר עשרה רו"כ. אבער הייעלע וועט געבען כ"ה קארבען, וועל איך טאקי באמת האבען אויף נדן און תכשיטין פאר מיינע בנות! היינט וואס זארג איך? אבער נאך ניט דאס איז גאר, דער עיקר איז דאס טהייער בריוועלע: דאס בריוועלע וואס שטעהט אין איהם געשריבען שווארץ אויף ווייס, אז דער רבי זאל לעבען אליין האט געזאגט אז איך בין א זכאי, א מוצלח און האט מיך געבענשט איך זאל זיין א מוצלח.. אט דאס איז א הון יקר! טא וואס זשע זיטץ איך דא? פאר וואס נעה איך ניט אהיים בעווייזען מיין פלונית, אז חאטש זי שעלט מיך מיט אלע קללות פון ביידע תוכחות – פון דעסטוועגען בענשט מיך דער רבי זאל לעבען! – לאז זיא פרובען מיך איצט שעלטען, גט'ן וועל איך זיך מיט איהר! זאל זי וויסען וועמען זיא שעלט... אבער ראשית מוז איך פערשדכן מיינע ביידע בנות שהגיע פרקן להנשא. (וואס איז שוין לאנג צייט זיי אונטער דער חופה צו פיהרן) און דערנאך? יא, און דער נאך? וואס. איך וועל זיך טאקי גט'ן מיט מיין פלונית? ניין, וויא קום איך דערצו? איך האב עס נור גלאט אזוי לצנות געטריבען, ווייל איך בין בדיחא דעתי, מלא שמחה פון דעם בריוועלע, אי וואס, זי שעלט מיך? שוטה, פאר וואס שעלט זי מיך? זי שעלט מיך כדומה למשל: עס קומט דער דאנערשטאג און זי האט נאך קיין אנהייב ניט אויף שבת, זי שעלט מיך ווידער, וואס זי האט קיין שיך ניט אין וואס ארויסצו־געהען און מוז זיטצען אין געהאקטע צרות א גאנצען טאג אין דער היים, ווייטער שעלט זיא מיך וואס איך שעלט זיא, בעת איך בלייב הונגריג פון דעם ווארימעס. וואס איין גרויפ פון דעם אנדערן איז א מייל ווייט. ווידער שעלט זיא מיך וואס איך האפ א מאל איהר שבת'דיגען מלבוש און דעק מיך צו. אז מיר איז קאלט; ועל כלם שעלט זיא מיך. פאר וואס איך פערזארג ניט די טאכטער אונזערע, וועלכע ליגען איהר ווי א יאך אויף איהרע פלייצעס? איז דאס אלץ גערעדט געוועזען. עד עתה. ביז היינט. ביז איך האב מקבל געוועזען דאס טהייער בריוועלע. אבער מכאן ואילך. פון היינט אן און ווייטער בין איך שוין אויס קבצן. איך האב שוין די מזל ברכה ביי מיר אין ביזעם קעשענע. איך מיין: דאס טהייער בריוועלע... דאנערשטאג אויף מעהל, אויף הייוון. אויף ליכט און אויף פלייש וועל איך געבען איידער זיא וועט נאך בעטען וועט זיא כמילא ניט שעלטען; א פאר שיך. וועל איך בעשטעלען פאר איהר פאר גאנצע שלשה ר"כ און אז זיא וועט האבען וואס אנצוטהון וועט זיא מאכ[ען] געהן פערדינען אין מארק אריין און אז זי איז אין דערהיים ניטא האב איך קיין מורא ניט פאר איהרע קללות. פון ווארימעס וועל איך ניט הונגריג בלייבען, וואראום איך וועל איהר טאקי געבען מיט עטליכע גראשען מעהר אויף פארקאכעכץ, וועט מא…

אַ גְרוּיס צוּ אַ גְרוֹיס זַיין אַ נָאהֶענְטֶער קָרוֹב, אוּנ אַ מָאל וֶועל אִיךְ מִיךְ פֶּערְגִינֶעשׂ אַ הֶערִינְג מִיט צִיבֶּעלֶע פַּארן עֶסֶען. וֶועל אִיךְ נִיט הוּנְגְרִיג בְּלַייבֶּען פוּן וַוארִימֶעס. חֶעל אִיךְ נִיט שְׂרַייֶען: אִיךְ בִּין הוּנְגֶערִיג — וֶועט זִיא מִיךְ נִיט רוּפֶען: עֵשָׂו הַלְעִיטֵנִי. מִיט אִיהר שַׁבָּת׳דִיגֶען מַלְבּוּשׁ וֶועל אִיךְ מִיךְ שׁוֹין נִיט בַּארְפֶען צוּדֶעקֶען, וָוארוּם עֶס וֶועט זַיין דֶער רוּבֶּעל אִין קֶעשֶׁענֶע, וֶועט מֶען קוֹיפֶען אַ וֶואגֶעל הָאלְץ אוּנ אַז עֶס וֶועט קַאלְט זַיין וֶועט מֶען אוֹיסְהַייצֶען, אוּנ אִיךְ וֶועל מִיר אוֹיסְבֶּעטֶען אוֹיפ׳ן לֶעזַאנְקֶע אוּנ טַאקִי דוּרְךְ וַוארִימֶען מַיינֶע בֵּיינֶער וֶועט זַיין אַ מְחַיֶּה נְפָשׁוֹת מַמָּשׁ... דִיא בָּנוֹת וֶועל אִיךְ פֶּערְשַׁדְכֶן בְּעֶגְלָה בִּזְמַן קָרוֹב, וָוארוּם דֶערְצוּ בִּין אִיךְ שׁוֹין בָּרוּךְ הַשֵּׁם אַ מוּצְלָח דָעם רֶבִּינְס זָאל לֶעבֶּען בְּרָכָה, אִיז אַ בְּרָכָה. דִי בֵּיידֶע יוּנְגְלֶעךְ. וֶועל אִיךְ אִין אַ פָּאר יָאהר אַרוּם אַוֶועקְשִׁיקֶען עֶרְגֶעץ אִין אַ יְשִׁיבָה, וֶועל אִיךְ בְּלַייבֶּען דְיֶעד דַא בַּאבֶּע, הַיינְט צוּ וָואס זָאל אִיךְ מִיךְ גֶט׳ן? גְלַאט אַזוֹי גֶעזָאגְט, וַוייל זִיא הָאט מִיר הַיינְט גֶעגֶעבֶּען דִיא וֶועלְט צוּ זֶעהן; אָבֶּער בֶּאֱמֶת הָאבּ אִיךְ אוֹיף אִיהר קַיין שׁוּם טַעַם בְּלֵב נִיט. זִיא אִיז אַ טְהַייעֶרֶע אִשָּׁה. זָאל אִיהר גָאט יָאהרֶן גֶעבֶּען, אָהן אִיהר וָואלְט אִיךְ קֵיינְמָאל אַ גַאנְצֶע זָאק נִיט גֶעטְרָאגֶען אוֹיף מַיינֶע פִּים, אָהן אִיהר וָואלט מַיין לַאסְטִינְגֶענֶע קַאפָּאטֶע נָאךְ עַד הַיּוֹם גֶעוֶועזֶען מִיט צוּרִיסֶענֶע אַרְבֶּעל; אַדְרַבָּה, אִיךְ לוֹיף שׁוֹין אַ הֵיים אִיהר אָנְזָאגֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה.

בַּיי דִי גֶעדַאנְקֶען הָאט עֶר זִיךְ אַ הֵייבּ גֶעטְהוּן אוּנ גֶעלָאפֶען גְלַייךְ אַהֵיים. קוּים אָבֶּער הָאט עֶר דִי טְהִיר גֶעעֶפֶענְט, אִיז אִיהם דִי אַלְטֶע זַיינֶע עֶנְטְגֶעגֶען גֶעקוּמֶען מִיט דִיא וֶוערְטֶער:

— דוּא הָאסְט גֶעבְּרַאכְט עֶפִּיס? אַז נִיט גֶעה דִיר וַוייטֶער! דִי קִינְדֶער הָאבֶּען מִיר מַיין קָאפּ פֶּערְוַויינְט, גָאךְ דַיין קָאפּ זָאלְן זֵיי שׁוֹין וַויינֶען, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!

אִיהם הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט אַ בִּיסֶעל לוּסְטִיג מַאכֶען אוּנ הָאט גֶעאֶנְטְפֶערְט: וואו זָאל אִיךְ גֶעהמֶען? נִיטָא, אִיז נִיטָא, חָאטְשׁ שְׁרַיי פוּן הַיינְט בִּיז מָארְגֶען!

— אַ טַאטֶע! אַ שֶׁאנֶער טַאטֶע, הָאט דָאס וַוייבּ אִיבֶּערְגֶערֶעדְט. אַוֶועג גֶעגַאנְגֶען אַ גַאנְצֶען טָאג, מִסְתָּמָא זִיךְ גוּט אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט אֵייעֶר, זִיךְ אָנְגֶעזוֹיפֶען גֶעגוּג מִיט בְּרוֹינְפֶען אוֹיךְ, עֶר מֵיינְט אִיךְ דֶערְקֶען אִיהם נִיט! דוּ בִּיזְט מִיר צוּ לוּסְטִיג שִׁמְעוֹן, וַוי הָאט מֶען דָאס קַיין גָאט אִין הַארְצֶען נִיט אוּנ מֶען פֶּערְגֶעסְט גָאר, אַז מֶען הָאט אַהֵיים וואו עֶס הַארן וַוייבּ אוּנ קִינְד? וָואס אִיז, אַ עוֹלָה אֶפְשָׁר, אַז דוּא וָואלְסְט גֶעבְּרַאכְט אַהֵיים אַ פָּאר אֵייעֶר, זֵיי מַאכֶען אַ סְעוּדָה? אַ גַאנְץ יָאהר עֶסֶען זֵיי זִיךְ בַּיי דִיר אִיבֶּער? דָאס הַארְץ צוּגֶעהט אִין מִיר פוּן דֶעם עֶלֶענְד פוּן דִיא אָרֶעמֶע קִינְדֶער! אֲפִילוּ עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען אוֹיף אַ ל״ג בָּעוֹמֶר סְעוּדָה, זֵיי זָאלֶען וִויסֶען, אַז זֵיי זֶענֶען יוּדִישֶׁע קִינְדֶער אוּנ ל״ג בָּעוֹמֶר אִיז אַ מִצְוָה אַ סְעוּדָה מַאכֶען — הָאט דֶער גֶעטְרַייֶער טַ־טֶע אוֹיךְ נִיט גֶעקָאנְט דֶערְוַוייזֶען. וָואס הָאסְטוּ זֵיי צוּגֶעזָאגְט? זָאכֶען אוּנ קְרֶאנְקֶען זָאלסְטוּ!

— טַאקִי אַ נַארְעֶשְׁקַייט, הָאט שִׁמְעוֹן גֶעאֶנְטְוֶוערְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל, אַ קַבְּצָן דַארְף גָאר קֵיינְמָאל נִיט צוּזָאגֶען.

— נֵיין, הָאט זִי אִיהם אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען זַיינֶע רֵייד, אַ קַבְּצָן דַארְף גָאר קַיין קִינְדֶער נִיט הָאבֶּען, אַ קַבְּצָן דַארְף גָאר נִיט גֶעבּוֹירֶן וֶוערן, אָרְגֶער וַוי דֶער טוֹיט אִיז

אַזאַ קַבְּצָנוּת לֶעבֶּען ווי מַיינְס! רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, שִׁיק דֶעם טוֹידְט בֶּעסֶער אוֹיף מִיר, ווי לַאנְג וֶועל אִיךְ מִיךְ אַזוֹי טוּטְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט?

נו גענוג שוין, טְרַייבֶּען לִיצָנוּת! הָאט שִׁמְעוֹן זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ גֶעאֶנְטְוֶוערְט, גענוג, אוֹיס קַבְּצָנִים! אַ דַאנְק דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם פַאר זַיין חֶסֶד אוּנ דֶעם רֶבִּין זָאל לֶעבֶּען, פַאר זַיין בְּרָכָה, אִיצְט וֶועלֶן מִיר שׁוֹין זַיין מִיט לַייטֶען גְלַייךְ, וְזֶה לְךָ הָאוֹת! אָט הָאסְטוּ אַ סִימָן, אַז אִיךְ בִּין נִיט שִׁכּוֹר אוּנ מְשׁוּגָע מַיינֶע שׂוֹנְאִים, אוֹיךְ נִיט... — עֶר הָאט דָאס נַיי צֶעגֶערל פַאנַאנְדֶער גֶענוּמֶען מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פַאר דֶעם לֶאמְפֶּעל אוּנ הָאט גֶעזָאגְט:

— קוּק זִיךְ נוּר צוּ צוּ דִי וַואסֶער אוֹתִיוֹת, זֶעהסְטוּ דִיא וַואסֶער אוֹתִיוֹת? אָט דִיא דָאזִיגֶע אוֹתִיוֹת זָאגֶען בְּפֵירוּשׁ, אַז דֶער וָואס הָאט אַזַא בִּילֶעטְצִיג אִיז בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט אַ קַבְּצָן, אוּנ אַז אִיךְ הָאבּ אִיצְט אָט דִיא רוֹיטֶע אַסִיגְנַאצְיֶע בִּין אִיךְ נִיט קֵיין קַבְּצָן, פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ? אַ הָאר אוֹיךְ נִיט! אוּנ אַז אִיךְ בִּין נִיט קֵיין קַבְּצָן הָאבּ אִיךְ גֶעמָאגְט גֶעבּוֹירֶן וֶוערֶן, גֶעמָאגְט הָאבֶּען קִינְדֶער אוּנ מָאג לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט!... קוּק זִיךְ נוּר נוּט אַיין אוּנ זֶעה ווִיפִיעל מָאהל „צֶעהן" דָא אִיז אָנְגֶעדְרוּקְט גֶעוָוארֶן אִין דִי קְלֵיינֶע אוֹתִיוֹתְלֶעךְ, אַזוֹי פִיעל אַזֶעלְכֶע בִּילֶעטֶען רוֹיטְצִינְקֶע וֶועט דַיין מַאן שִׁמְעוֹן נָאךְ הָאבֶּען!.. מִיר וֶועלֶן נָאךְ רַייךְ זַיין, אוּנְזֶערֶע טָאכְטֶער וֶועלֶן מִיר אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה בִּמְהֵרָה אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה פִירֶען, מִיט דַיין שַׁבָּת'דִיגֶען מַלְבּוּשׁ וֶועל אִיךְ מִיךְ שׁוֹין נִיט מֶעהר צוּדֶעקֶען אוּנ דוּא וֶועסְט מִיךְ שׁוֹין נִיט שֶׁעלְטֶען. דִי קִינְדֶער וֶועל אִיךְ אִין דְרַיי פִיער יָאהר אַרוּם אַוֶועקְשִׁיקֶען אִין דֶער יְשִׁיבָה, אִיךְ מִיט דִיר וֶועלֶן אוּנְז נִיט נֶעמְ'ן, פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ: דָאס הָאבּ אִיךְ נוּר לֵיצָנוּת גֶעטְרִיבֶּען מִיט זִיךְ אַלֵיין. טָאמִיר מֵיינְסְטוּ, אִיךְ בִּין נָאךְ אַלְץ שִׁכּוֹר? קוּם הֶער וָואס ר' פִּנְחָס'ל שְׁרַייבְּט צוּ מִיר אוּנ זֶעה, אַז דֶעם וָואס דוּא פְלוּכְסְט אוּנ שֶׁעלְסְט — בֶּענְשְׁט דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען אוּנ רוּפְט מִיךְ „שִׁמְעוֹן הַזַכַּאי", דָאס אִיז טַייטְשׁ אַ גֶערֶעכְטֶער, אַ יוּד וָואס הָאט אַ גְרוֹיסֶע זְכוּת מָאג מֶען אָנְרוּפֶען זַכַּאי — הַיינְט שֶׁעלְט מִיךְ וִויפִיעל דוּא ווִילְסְט!...

— מַיינֶע קְלָלוֹת, מַיין מַאן, הָאט דָאס וַוייבּ אוֹיסְגֶערֶעדְט זֶעהר וֵוייךְ אוּנ צוּ־פְרִידֶען — זָאלֶען פַאלֶען אִין טִיפֶען יַם. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! זֶעהסְטוּ דָאךְ, גָאט בָּרוּךְ הוּא וֶועט נָאךְ דִי קְלָלוֹת צוּ בְּרָכוֹת אוּמְקֶעהרֶען. ווִי ווִילְט זִיךְ מִיר בֶּאֱמֶת שׁוֹין אוֹיסְגֶעלֵייזְט וֶוערֶן פוּן דִי בִּיטֶערֶע קַבְּצָנוּת, נִיט דָא גֶעדַאכְט! ווִי ווִיל אִיךְ שׁוֹין זוֹכֶה זַיין דֶעם יָאךְ פוּן מַיינֶע פְלֵייצֶעס אַרָאפּ פַּטֶר'ן אוּנ שׁוֹין זֶעהן דִי מֶאדְלֶעךְ אוּנְזֶערֶע אוּנְטֶער זֵייעֶר חוּפָּה! נִיט זַיי אִין כַּעס אַז אִיךְ שְׁרַיי אוּנ שֶׁעלְט אַ מָאל, דֶער קַבְּצָן אִיז שׁוֹין אִין זַיין מַאמֶעס בּוֹיךְ פֶערְשָׁאלְטֶען, אַז נִיט וָואלְט עֶר דָאךְ קֵיין קַבְּצָן נִיט זַיין!...

שִׁימֶעלֶע הָאט פַאר זַיין וַוייבּ דָאס בְּרִיוֶועל פָארְגֶעלֵייעֶנְט, אִיהר פֶערְטַייטְשְׁט יֶעדֶעס וָוארְט אוּנ גֶעגֶעבֶּען צוּ פֶערְשְׁטֶעהן אַז דָאס וָואס עֶר שְׁרַייבְּט: וֶוער אִין קָרוֹב'ר צוּ אַ מוּטֶער פוּן אִיהר אֵיינֶעגֶער טָאכְטֶער" מֵיינְט עֶר גֶעווִיס: אִיךְ זָאל מַיין הַצְלָחָה אָנְהֵייבֶּען פוּן מַיינֶע אֵיינֶענֶע טָאכְטֶער. אִיךְ אַלֵיין זָאל טַאקִי זֵייעֶר שַׁדְכָן אוּנ זֵייעֶר מְחוּתָּן זַיין.

„דָאס הֶעמְד צוּם לַייבּ אִיז נָאהֶענְטֶער", הָאט דָאס וַוייבּ צוּגֶעשְׁטִימְט, חָאטְשׁ זִי הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז ר' פִּנְחָס'ל מַיינְט גֶעווִיס: מֶען זָאל זֶעהן אַ שִׁידוּךְ פַאר חַיִיעֶלֶעס

דָהֶלְן . זִיא הָאט עֶס אִיהם אָבֶּער נִיט גֶעוָואלְט זָאגֶען , דָארוּם זִיא הָאט זַיין הַצְלָחָה פֶערְגִינְט אִיהרֶע קִינְדֶער .

דִיא יוּנְגְלֶעךְ הָאבֶּען פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען , גֶעשְׁרִיעֶן : דֶער טַאטֶע זָאל אַ סְעוּדָה מַאכֶען וַוִיא עֶר הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען . שִׁימֶעלְן אָבֶּער הָאט זִיךְ דָאס צֶעהן רוּבֶּעלְדִיגֶע נִיט גֶעוָואלְט פַאנַאנְדֶער בַּייטֶען , אוּנ אִיז דֶערְפַאר אַלֵיין אִין שֶׁענְקֶעל אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען , בֶּעטֶען דֶערְוַוייל בָּארְגֶען אוֹיף הַיינְטִיגֶער סְעוּדָה . עֶר הָאט דֶעם שֶׁענְקֶער בֶּעוִויזֶען דָאס נַייעֶ זֶעגֶערל אוּנ דֶער שֶׁענְקֶער הָאט אִיהם אוֹיף דֶעם סֶמֶךְ גֶעבָּארְגְט : דְרַיי אֵייעֶר פַאר צְוֵויי גְרָאשֶׁען , אַ הֶערִינְג פַאר זֶעקְס גְרָאשֶׁען אוּנ דְרַיי בּוּלְקֶעס פַאר צֶעהן גְרָאשֶׁען ; צוּם הֶערִינְג הָאט שִׁימְעֶלֶע גֶעבֶּעטֶען צוּ גֶעבֶּען בְּחִינָם אַ בִּיסֶעל פֶעפֶער , אוֹיךְ אַ טְרוּנְק בְּרוֹינְפֶען פַאר פִינְף גְרָאשֶׁען הָאט עֶר גֶעבָּארְגְט , אִין אֵיינֶעם קְרֶעדִיט גֶענוּמֶען פַאר אַ גַאנְצֶען גִילְדֶען , עֶר הָאט דֶעם שֶׁענְקֶער עֶרְצֶעהלְט אַז דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען הָאט אִיהם זַיין בְּרָכָה צוּגֶעשִׁיקְט .

אִין דֶערְצַייט זֶענֶען ר' שִׁמְעוֹן'ס עֶרְוַואקְסֶענֶע טֶאכְטֶער גֶעקוּמֶען . דִי מוּטֶער הָאט זֵיי אָנְגֶעזָאגְט , אַז גָאט בָּרוּךְ הוּא הָאט זִיךְ מְרַחֵם גֶעוֶועזֶן אוּנ הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען מְרָאכְטֶען ; זִיא הָאט דִי מֶאדְלֶעךְ גֶעבֶּעטֶען : דֶעם טַאטֶען הַיינְט נִיט דֶערְוִוידֶער זַיין , אִיהם כָּבוֹד אָפְּגֶעבֶּען . דִי טֶאכְטֶער זֶענֶען אוֹיךְ עֶרְפְרֶעהט גֶעוָוארֶן . דָאס וַוייבּ הָאט דֶערְוַוייל דֶעם חֶדֶר אוֹיסְגֶעקֶעהרְט , אַרוֹיסְגֶעדְרֶעהט אַ בִּיסֶעל מֶעהר דֶעם קְנוֹיט פוּן לָאמְפּ , גֶעגְרֵייט צוּם טִישׁ מִיט אַ וַויים טִישְׁטוּךְ , אוּנ אַז שִׁימְעֶלֶע אִיז אַהֵיים גֶעקוּמֶען הָאט עֶר כִּמְעַט זַיין שְׁטִיבֶּעל נִיט עֶרְקֶענְט . זִיא הָאט דֶעם הֶערִינְג צוּגֶעריכְט מִיט צִיבֶּעלֶע מִיט עֶסִיג אוּנ פֶעפֶער , דִיא קִינְדֶער הָאט זִיא צוּ שְׁטִיקְלֶעךְ אֵיי מִיט קִיילֶעךְ גֶעגֶעבֶּען עַד לְחֶשְׁבּוֹן , אוּנ דִיא רוֹיטֶע שָׁאלֶעכְץ פוּן דִיא אֵייעֶר צוּ שְׁפִּילֶען דֶערְוַוייל .
שִׁימְעֶלֶע אִיז זִיךְ אוּמְגֶעגַאנְגֶען הִין אוּנ צוּרִיק , מִיט אֵיין הַאנְד גֶעגְלֶעט זַיין צִיגֶענְבָּארְדֶעל , מִיט דֶער אַנְדֶערֶער — גֶעקְלַאפְּט צוּפְרִידֶען אוֹיף זַיין אַיינְגֶעזוּנְקֶען בַּייכֶעל אוּנ הָאט זִיךְ גֶעטְרַאכְט : „שִׁישׁוּ בְּנֵי מֵעַי , שִׁישׁוּ ! פְרֶעהט אַייךְ מַיינֶע אִינְגֶעוַוייטֶען , פְרֶעהט אַייךְ ! אִיהר וֶועט שׁוֹין מֶעהר קֵיין הוּנְגֶער נִיט לַיידֶען וִוי בִּיז אִיצְט ! דוּ מָאנְסְט זִיךְ פְרֶאהֶען שִׁמְעוֹן , כִּי בְשֶׁלְּךָ כָּל הַכָּבוֹד הַזֶּה : נוּר פוּן דַיינֶעטְוֶועגֶען אִיז דָא אִיצְט דֶער גַאנְצֶער פַארַאד ; אָט . אַז דִי הַצְלָחָה הֵייבְּט אָן צוּ לַייכְטֶען וִוי לִיכְטִיג עֶס וֶוערְט אִין אַלֶע פִיער וִוינְקֶעלֶעךְ ! מַיין שְׁטוּבּ אִיז אִיצְט אַ פַּאלַאסְט אַ וַואהרֶער , עֶס הָאט שׁוֹין גָאר אַלְץ אַ אַנְדֶער פָּנִים בְּנֶאֱמָנוּת ! ...

אַז עֶר הָאט זִיךְ צוּם עֶסֶען גֶעוַואשֶׁען , הָאט אֵיין טָאכְטֶער אִיהם צוּגֶעטְרָאגֶען אַ קְוָוארְט וַואסֶער מִיט אַ שִׁיסֶעל , דִי אַנְדֶערֶע — הָאט דֶערְלַאנְגְט אַ וַוייסֶען הַאנְדְטוּךְ , אוּנ עֶר הָאט מִיט זַיין פָאלֶע , אָדֶער מִיט אַ בְּרֶעג טִישְׁטוּךְ נִיט בֶּעדַארְפְט אָבְּוִוישֶׁען דִי הֶענְדְט וִוי אַלֶע מָאל . אוֹיפֶן טִישׁ אִיז גֶעוֶועזֶן אָנְגֶעגְרֵייט אַ מֶעסֶער אוּנ זַאלְץ אוּנ עֶר הָאט נִיט בֶּעדַארְפְט שְׁרַייעֶן : „שַׂכִּין ! מֶלַח ! “ אַלְץ אִיז אִיצְט אִין אָרְדְנוּנְג גֶעוֶועזֶען וִוי צוּם סֵדֶר אִין דֶער דָאזִיגֶער נַאכְט פוּן פֶּסַח . אַלֶע קִינְדֶער הָאבֶּען זִיךְ אַרוּם טִישׁ צוּזֶעצְט . זֶעלְבְּסְט דִי אַלְטֶע זַיינֶע הָאט אַ פְרֶעהלִיךְ פָּנִים הַיינְט בֶּעוִויזֶען אוּנ דִי סְעוּדָה פוּן ל"ג בָּעוֹמֶר אִיז גֶעוֶוען גֶעוֶועזֶען כִּסְעוּדַת שְׁלֹמֹה בְּשַׁעְתָּהּ .

עֶר הָאט קְרִיאַת שְׁמַע אָבְּגֶעלֵייעֶנְט , זִיךְ שְׁלָאפֶען גֶעלֶעגְט , אוּנ זֶעלְבְּסְט דִיא

טאַנְצֶען אִין זַיין בֶּעט הָאבֶּען אִיהם נִיט גֶעבִּיסֶען, גְלַייךְ וִוי זֵיי וָואלְטֶען אוֹיךְ פוּן דֶעם רְבִּינ'ס זָאל לֶעבֶּען בְּרָכָה גֶעוואוּסְט ... אַז עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף מָארְגֶען פְרִיה הָאט עֶר אוֹיף זִיךְ דֶעם פָּסוּק גֶעלֵייעֶנְט: „בִּרְצוֹת ה' דַרְכֵי אִישׁ גַם אוֹיְבָיו יַשְׁלִים אִתּוֹ. אַז גָאט בֶּעגְלִיקְט אַ מֶענְשֶׁען וֶוערְן, אֲפִילוּ זַיינֶע פַיינְד אִיהם פְרַיינְד! „מֶען דַארְף קֵיין אָרְגֶערֶע שׂוֹנְאִים נִיט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וִוי מַיינֶע אֵייגֶענֶע טֶאכְטֶער. מֶען דַארְף קֵיין גְרָאסֶערֶע בְּלוּטְזֵייגֶערְס וִוי דִי אֵייגֶענֶע וַואנְצֶען אִין מַיין בֶּעט כָּל יָמַי, הַיינְט הָאבֶּען אַלֶע מִיט מִיר שָׁלוֹם גֶעמַאכְט: דִי בָּנוֹת מַיינֶע גִיבֶּען מִיר אָב כָּבוֹד, דִי וַואנְצֶען הָאבֶּען מִיךְ גֶעלָאזְט שְׁלָאפֶען, „וּשְׁנָתִי עָרְבָה לִי", אוּנ מַיין שְׁלָאף אִיז מִיר זִיס גֶעוֶועזֶען, אוּנ אִיךְ הָאב אַ גוּטֶען חָלוֹם גֶעזֶעהן. מִיר הָאט זִיךְ גֶעחָלוֹמ'ט: אִיךְ זֶעה צוּבְּרָאכֶענֶע אֵייֶער אוּנ וִוי דִי גְמָרָא וִויל הָאבֶּען, אִיז דֶער פִּתְרוֹן דֶערְפוּן, אַז מַיין תְּפִלָּה אִיז אָנְגֶענוּמֶען גֶעוָוארְן, אוּנ אִיךְ וֶועל טַאקִי זוֹכֶה זַיין בְּקָרוֹב מַיינֶע בָּנוֹת אוּנְטֶער זֵייעֶר חוּפָּה צוּ פִיהרְן!

## ו.

אַז עֶס גְלִיקְט אַ מֶענְשֶׁען גְלִיקְט עֶס מִיט אַלֶעמֶען. נְרָאד אִיז מָארְגֶען, נָאךְ דֶעם גְלִיקְלִיכֶען אָבֶענְד — אַ יוּנְגֶער בַּעַל הַבַּיִת'ל גֶעוֶועזֶען צוּם דַאוְונֶען, וָואס גֶעכְטֶען עֶרְשְׁט אִיז זַיין חֲתוּנָה גֶעוֶועזֶען, אוּנ מֶען הָאט צוּלִיעב אִיהם קֵיין תַּחֲנוּן אוּנ קֵיין לַאנְגֶע: „וְהוּא רַחוּם" נִיט גֶעזָאגְט; נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען הָאט דֶער חָתָן מַשְׁקֶה גֶעשְׁטֶעלְט, ר' שִׁמְעוֹן הָאט אַ פָּאר גוּטֶע טְרוּנְק בְּרוֹינְפֶען גֶעטְהוּן אוּנ הָאט דֶעם עוֹלָם גֶעגֶעבֶּען לֵייעֶנֶען דָאס טְהַייֶערֶע בְּרִיוֶועלֶע. מֶען הָאט פֶערְלַאנְגְט: שִׁימֶעלֶע זָאל גֶעבֶּען מַשְׁקֶה אָבְצוּוָואטְצֶען דָאס טְהַייֶער בְּרִיוֶועל, אָבֶּער ר' שִׁמְעוֹן הָאט עֶרְקְלֶערְט: אַז אִיךְ וֶועל שְׁטֶעלֶען מַשְׁקֶה טָא וָואס פַאר אַ גְלִיק וֶועט דָאס זַיין פַאר מִיר? עָנִי אֲנִי בְּאוֹתָא שָׁעָה, דֶערְוַוייל בִּין אִיךְ נָאךְ שִׁמְעוֹן מְלַמֵּד. שִׁמְעוֹן קַבְּצָן, הָאט עֶר גֶעזָאגְט. אָט אַז חַיְיעֶלֶע וֶועט מִיר מַיינֶע שַׁדְכָנוּת בֶּעצָאהלֶען, אוּנ אַז אִיךְ וֶועל, מִיט דֶעם רְבִּינ'ס זָאל לֶעבֶּען בְּרָכָה, אַדְרַבָּה פִיער שִׁדּוּכִים אוֹיסְפִיהרְן, — שְׁטֶעל אִיךְ מַשְׁקֶה וִויפִיל אִיהר וִוילְט דֶערְוַוייל זָאל שְׁטֶעלְן יֶעדֶער חָסִיד וָואס גְלוֹיבְּט אַז דֶעם רְבִּינ'ס זָאל לֶעבֶּען בְּרָכָה מוּז מְקוּיָם וֶוערְן.

ר' הֶערְשׁ לֵייבֶּעלֶעס, אַ הֵייסֶער חָסִיד אַ אַלְמָן הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶערוּפֶען:

— אִיךְ שְׁטֶעל אַ קְוָוארְט שְׁפִּירְט, זָאל וֶוער גֶעבֶּען אוֹיף קִיכְלֶעךְ מִיט קָאז.

אַ טַאטֶע פוּן דֶערְוַואקְסֶענֶע טֶאכְטֶער, אוֹיךְ אַ מַאֲמִין אַ שְׁטַארְקֶער אִין רֶבִּין הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען צְוַויי גִילְדֶען אוּנ גֶעשִׁיקְט דֶעם שַׁמָּשׁ נָאךְ קִיכְלֶעךְ אוּנ נָאךְ קָאז ר' הֶערְשׁ הָאט גֶעשִׁיקְט נָאךְ אַ קְוָוארְט שְׁפִּירִיט אוּנ שִׁמְעוֹן הָאט וַוייטֶער גֶעטְרוּנְקֶען הָאט אוֹיךְ אַ תּוֹרָה גֶעזָאגְט אִין דֶעם עִנְיָן פוּן אֱמוּנַת צַדִּיקִים. אִין דֶעם עִנְיָן פוּן הַצְלָחָה אִין שַׁדְכָנוּת אוּנ דֶער הַאלְבּ שִׁכּוֹר'ר עוֹלָם הָאט בֵּיישַׁיינְפֶּערְלִיךְ גֶעזֶעהן דֶעם כֹּחַ פוּן דֶעם רְבִּינ'ס בְּרָכָה. קֵיינֶער הָאט מֶעהר פוּן זַיין תּוֹרָה נִיט גֶעלַאכְט וִויא בִּיז אִיצְט. מֶען הָאט גֶעזֶעהן, אַז אַ רוּחַ אֱלֹקִים הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן אוֹיף אִיהם, אוּנ עֶר אִיז שׁוֹין הַיינְט נִיט דֶער אֵייגֶענֶער שִׁמְעוֹן וָואס עֶר אִיז גֶעכְטֶען אִין דֶערְצַייט גֶעוֶועזֶען... אַז דִיא מַשְׁקֶה, קָאז אוּנ קִיכְלֶעךְ זֶענֶען אוֹיפְגֶעגֶעסֶען אוּנ אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען גֶעוָוארְן בִּיז

סוף האָט יענער טאַטע פון דיא דערוואַקסענע טאָכטער געבעטען ר׳ שמעון הזכאי — אַזוי איז בהסכם כלם געבליבען זאָל מען איהם רופען מהיום והלאה — ער זאָל צו איהם אַריינקומען אין אָבענד אונ זאָל זיין הצלחה אָנהייבען פון איהם. ר׳ הערש לייבעלעס דער אלמן האָט איהם אויך געבעטען זיין ביי איהם ווען ער וועט צייט האָבען. ער האָט איהם געזאָגט: עס געהען שדכנים צו מיר אַלע טאָג אונ אַז גאָט ברוך הוא האָט אייך געוווירדיגט צו זיין אַ מוצלח, וועט איהר אפשר מיט איין וואָרט מעהר מצליח זיין ווי אַנדערע מיט הונדערט גאַנג.

קומענדיג אַהיים זעהר פרעהליך, האָט ער געפונען די שטוב זעהר פיין צו געקליבען: די דילען זענען אויסגעשאַטען געוועזען מיט געלן זאַמד, אַ האַלבער טיש איז געוועזען געגרייט, אַ צוהאַקטער הערינג מיט ציבעלע אונ מיט עסיג איז געשטאַנען אָנגעגרייט. אַ פרישער האַלב לעבעל ברויט, אַ מעסער, אַ גאָפּעל, אַלץ ווי ער פלעגט געפינען קומענדיג פון דאַווענען, מיט פינף זעקס אונ צוואַנציג יאָהר צוריק, בעת זיין שוויגער עליה השלום האָט נאָך געלעבט, ביי וועלכער ער האָט אַ יאָהר מיט דרייא חדשים קאָסט געגעסען. איהם האָט זיך איצט געדאַכט: ער איז צוריק יונג געוואָרן אונ עסט נאָך קאָסט. דאָס ווייב זיינס האָט איהם אַ שיסעל קרופניק דערלאַנגט, אונ דאָס עסען האָט אַ ליעבען ריח געהאַט אונ ער האָט מיט אַ אַפּעטיט געגעסען, קוים האָט ער דיא שיסעל אויסגעלעדיגט האָט זיא איהם נאָך איינע דערלאַנגט.

— עס מיין מאַן, האָט זיא געזאָגט, זאָל דיר וואויל בעקומען! ר׳ שמעון האָט געגעסען אונ מבינות געזאָגט, אַז אַזא קרופניק מאג דער מלכות עסען, מען דאַרף אַ לב האָבען ניט צו עסען. אַ טעם גן עדן! נור איך בין שוין זאַט, חאָטש צערייס זיך, איך קאָן מעהר ניט!

— איצט קינדער, האָט ער צו זיינע חדר יונגלעך אַ געשריי געטהון, אַז ער האָט אָבגעבענשט. איצט קומט לערנען!

— ווייסטו מאַטעלע, האָט ער צו חייעלעס עלטער יונגעל געזאָגט. ווייסטו שוין חאָטש אַז דיין מאַמע איז אַ כלה געוואָרן?

— ניין, מיין מאַמע איז ניט אַ כלה, האָט דאָס קינד געענטוועהרט, זי איז שוין אַ יודענע.

— דו ביזט אַ טיפּושל, אַ שוטהלע, נאַר אַ פּעטוכל! האָט דער רבי געלאַכט. דיין מאַמע נעהמט פאַר אייך אַ נייען טאַטען, ר׳ פנחס׳ל הייסט ער, ער איז אַ יוד אַ צדיק! ער וועט אייך שקצים שינדען דיא הויט. אַי וועט ער שמייסען!... דאָס קינד האָט צו וויינען אָנגעהויבען.

— וואָס וויינסטו פּעטוך איינער, ניט גוט צו האָבען ר׳ פנחס׳לען פאַר אַ טאַטען?

— ניין, איך וויל משיח זאָל קומען אונ מיין טאַטע זאָל לעבעדיג ווערן, איך וויל קיין נייען טאַטען ניט! האָט דאָס קינד אַרויסגעהליפּעט.

— שוטה, דיין טאַטען ברענט מען אין גיהנום, האָט דער רבי צו פערשטעהן געגעבען, מען שמייסט איהם נאָך דאָרט אויף וואָס דיא וועלט שטעהט, אָבער ר׳ פנחסל איז אַ צדיק.

– רבי, האט דאס קינד אונשולדיג ארויסגערעדט. אז ר׳ פנחס׳ל וועט שטארבען וועט מען איהם אויך ברענגען אין גיהנום?

– ניין, האט דער רבי אויסגעשריען, ר׳ פנחס׳ל איז א יוד א צדיק, אין איהם וועט ניט שולט זיין דאס פייער פון גיהנם, דאס לערנט דיא גמרא אפ אקל וחומר פון דעם מזבח הזהב.

– זאל ר׳ פנחס׳ל שוין שטארבען, אויף יענער וועלט וועט איהם דאך בעסער זיין, אז ער וועט לעבען אונ מיך שלאגען וועט ער ווערן א רשע, איך בין א יתום, איך וועל איהם ניט מוחל זיין אונ מען וועט איהם אויך ברענגען אין גיהנום!

– אך דוא הולטיי, דוא בענקארט איינער! האט שימעלע אויסגעשריען, דוא ווילסט מיר שעלטען ר׳ פנחס׳לען? א טוידט ווילסטו בעטען אויף איהם? לעג זיך שיינאץ, די הויט וועל איך דיך אבשינדען!. אונ ניט ווארטענדיג ביז דאס קינד וועט זיין בעפעהל טהון האט ער עס אויפ׳ן באנקעל אנידערגעלעגט, אבגעשפילעט זיין ריסען אונ געשמיסען אהן רחמנות. דאס ווייב זיינס איז אריינגעלאפען אונ האט דאס עלענד קינד קוים א לעבעדיגס פון זיינע האנד ארויסגעריסען.

– אזא שנעק, וועט שעלטען ר׳ פנחס׳לען? האט ער געשריען, ער וועט בעטען א טויט אויף ר׳ פנחס׳לען, וואס האט מיר אזא טהייער בריוועלע געשריבען, אונ איך וועל איהם שווייגען מיינסטו?

– אבער דאס קינד איז ניט שולדיג, האט דאס ווייב פערענטווערט, וואס ווייס עס וואס עס רעדט? מסתמא האט עס דאך געהערט פון זיין שוועסטער; וואס דיא גרויסע קייען טהוען די קליינע שפייען.... זיא, רחלע, נור זי האט עס איהם געוויס געלערנט! וויא דאס קינד ווייס ניט וואס עס רעדט אזוי וועט עס ר׳ פנחס׳לען ניט שאדען!

– דאס וועט איהר ניט געשוויגען ווערן! האט שמעון צוהיטצט פון כעס געשריען, זאל נור חייעלע לשלום אהיים קומען, וועל איך איהר דאס ערצאהלען; זאל זי זיך אברעכענען מיט איהר געטרייער טאכטער... נישקשה, איצט דארף איך שוין פאר דער מאמזעלענטע ניט מורא האבען! אונ ניט אכטענד דאס ווייבס פערענטווערן, האט ער אויך דאס קלענערע ברודערל עטליכע שמיטץ געגעבען.

– רחלע האט עס געהייסען שעלטען ר׳ פנחס׳לען? האט די רביצען געפרעגט, נאך דעם זיא האט דאס קינד פון רבינ׳ס האנד מציל געוועזן.

– ניין. ניין, ווי איך בין א יוד, רחלע האט קיינמאל ניט געהייסען שעלטען ר׳ פנחס׳לען! האט דאס קינד געשוואורן. דער רבי וועט האבען א עבירה, ער האט גע־שלאגען א יתום, איך בין איהם ניט מוחל, גאט וועט איהם שטראפען.

– דוא דארפסט איהם נאך פרעגען? האט שמעון זיך אריינגעמישט, דער קינד איז מיר אויס געדארט, איך פערשטעה ניט, מיינט זי? דאס זענען איהרע רייד, זאל נור חייעלע קומען!... זיא וועט ניט קוקען וואס זי איז אזא מאמזעלענטע, זיא וועט איהר געבען א פאר פעטש וועט זי קליגער ווערן. אייך שקצים, אז איהר וועט נור איינמאל א באז ווארט ארויסרעדען, וועל איך אייך נאך ניט אזוי שמייסען, איך וועל איינווייקען דיא ריטער, אייך אזוי לאנג שמייסען אונ דאס בלוט וועט ביז׳ן באלקען

שְׁפְּרִיצֶען ; פַאר מִיר אִין דִיא אוֹיגֶען וֶועט דִיא מַאמֶע אַייךְ מוּזֶען פוּן דָאס נַיי שְׁמַייסֶען, גֶערֶענְקט וָואס אִיךְ זָאג אַייךְ ! אִיצְט גֶעהט עֶסֶען וַוארִימֶעס !

רָחֶלֶע הָאט שוֹין גֶעוואוּסְט פוּן דֶער מוּטֶערְס קִנְיָן. אִיהר פֶּעטֶער הָאט אִיהר אָנְגֶעזָאגְט דִי בְּשׂוֹרָה, עֶר הָאט זִיךְ גוּט אוֹיסְגֶעוַויינְט.

– זַיי אַ קְלוּגֶע אוּנ אַ גוּטֶע טָאכְטֶער. מַיין לִיעבּ קִינְד. הָאט עֶר גֶעזָאגְט, נָאט וֶועט דַיין צַעַר צוּזֶעהן, אָבֶער דַיין מַאמֶע זָאל פוּן דִיר קַיין צַעַר אוּנ קַיין פֶּערְדְרוּס נִיט הָאבֶּען... הֶערְסְטוּ וָואס אִיךְ בַּאטְה דִיר ? בֶּעוַוייז אִיהר אַ פְרֶעהלִיךְ פָּנִים. לִיעבּ זִי ווִי אַ טָאכְטֶער בְּרוֹיךְ לִיעבֶּען אַ מוּטֶער. וֶועט זִיא צוּ דִיר אוֹיךְ גוּט אוּנ טְרַייא זַיין. דֶעם מֶענְשֶׁענְס הֶערְץ אִיז אַ שְׁפִּיגֶעל. ווִיא מֶען קוּקְט אַרַיין אִין אִיהם אַזוֹי קוּקְט זִיךְ צוּרִיק אַרוֹיס. דַאנְק דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען וָואס אִיז אַזוֹי !... ר' פִּנְחָס'ל אִיז אַ טְהַייעֶרֶער יוּד, אַ יוּד מִיט תּוֹרָה, מִיט גְדוּלָה אוּנ חָכְמָה, עֶר וֶועט דִיר אוּנ דִי יְתוֹמִים אַ פָאטֶער זַיין. גָאטֶעס חֶסֶד אִיז אִין אַלְץ !

– בְּלַייבְּט אִיהר מִיר נוּר דֶערְזֶעלְבֶּער טְרַייעֶר פֶּעטֶער ! הָאט זִיא גֶעבֶּעטֶען, פֶּערְשְׁפְּרֶעכְט אִיהר נוּר, אוּנְז בַּיי צוּשְׁטֶעהן ! אִיךְ הָאבּ אוֹיף מַיין מוּטֶער קַיין כַּעַס נִיט, זָאל אִיהר גָאט גֶעבֶּען אַזוֹי פִיעל גְלִיק אוּנ גוּטְס ווִיפִיעל אִיךְ ווִינְשׁ אִיהר. אִיךְ וֶועל דֶעם זֶעלִיגֶען פָאטֶערְס אוֹיסְגֶעלַייטֶערְטֶע נְשָׁמָה בֶּעטֶען, עֶר זָאל אִיהר אוֹיךְ מוֹחֵל זַיין וָואס זִי הָאט זַיין לֶעצְטֶע בַּקָשָׁה נִיט גֶעטְהוּן. זִיא אִיז אֶפְשָׁר נִיט שׁוּלְדִיג אַזוֹי פִיעל, ווִיפִיעל יֶענֶע וָואס הָאבֶּען אִיהר צוּגֶערֶעדט עֶס צוּ טְהוּן...

בַּאלְד נָאךְ דֶעם הָאט זִיא גֶעהֵייסֶען דִיא שְׁטוּבּ צוּקְלוֹיבֶּען. דֶער מוּטֶער אַ פְרַיינְדְלִיכֶע אוֹיפְנַאהמֶע צוּ בֶּעוַוייזֶען, דֶער אַלְטֶער פֵּיינֶען נוּר הָאט זִיא אָנְגֶעזָאגְט, אַז אִין גִיכֶען וֶועט זִי הָאבֶּען אַ נַייעֶן בַּעַל הַבַּיִת.

– אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט גֶעוָואלְט דֶערְלֶעבֶּען, הָאט פֵּיינֶע אִיהרֶע טְהרֶערֶען אָבְּ־ווִישֶׁענְדִיג גֶעזָאגְט. נוּר אַז גָאט ווִיל דַוְקָא אִיךְ זָאל דֶעם צַעַר נָאךְ צוּזֶעהן זָאל עֶר מִיר כּחוֹת גֶעבֶּען, אִיךְ זָאל אִין מַיין עֶלְטֶער נָאךְ מַיין עֶרְשְׁטֶען בַּעַל הַבַּיִת אֵיינִיקְלֶעךְ קָאנֶען טְרַייא דִינֶען ווִי טְרַייא אוּנ עֶהרְלִיךְ אִיךְ הָאבּ אִיהם אִין מַיינֶע יוּנְגֶע־יָאהרֶען גֶעדִינְט !..

רָחֶלֶע אִיז מִיט אִיהרֶע אֵייגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען פֶּערְנוּמֶען גֶעוֶועזֶען אוּנ הָאט נִיט בֶּעמֶערְקְט ווִיא דִי בְּרִידֶערְלֶעךְ'ס אוֹיגֶען זֶענֶען פוּן וַויינֶען ווִיא אָנְגֶעשְׁוָואלֶען. פֵּיינֶע אָבֶער וָואס הָאט זֵיי עֶסֶען גֶעגֶעבֶּען הָאט עֶס יוֹא בֶּעמֶערְקְט. אוּנ בֵּיי דִיא קִינְדֶער אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט וָואס אִין חֵדֶר הָאט מִיט זֵייא פַּאסִירְט הַיינְט. זִיא הָאט רָחֶלֶען נִיט גֶעוָואלְט מְצַעֵר זַיין אוּנ הָאט דִי קִינְדֶער בַּאלְד צוּרִיק אִין חֵדֶר אַוֶועק גֶעשִׁיקְט. בַּיי נַאכְט עֶרְשְׁט, אַז רָחֶלֶע הָאט דָאס עֶלְטֶער בְּרוּדֶערְל שְׁלָאפֶען גֶעלֶעגְט אוּנ דָאס קִינְד הָאט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט צוּ זַיין לַייבּ צוּרִיהרֶען הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאכְצוּפְרֶעגֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהן. דָאס קְלֶענֶערֶע יוּנְגֶעל הָאט אַלְץ אוֹיסְדֶערְצֶעהלְט וֶועהרֶנְד דָאס עֶלְטֶערֶע — הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אוֹיסְצוּזָאגֶען פוּן חֵדֶר, זִי הָאט דָאס הֶעמְדֶעל אִיהם אוֹיסְגֶעטְהוּן אוּנ הָאט מִיט שְׁרֶעק דֶערְזֶעהן דִי אָנְגֶעשְׁוָואלֶענֶע צֵייכֶענְס פוּן דֶעם רֶבִּינ'ס רִימֶען.

– וָואס הָאסְטוּ אַזוֹינְס גֶעטְהוּן ? הָאט זִי מִיט אַנְגְסְט גֶעפְרֶעגְט.

– גָאר נִיט, רָחֶלֶע ! הָאט דָאס קִינְד מִיט אַנְגְסְט זִיךְ גֶעשְׁוָוארֶען, ווִי אִיךְ בִּין אַ יוּד, רָחֶלֶע, אוֹיף מַיין עוֹלָם הַבָּא. אַז אִיךְ הָאבּ דֶעם נַייעֶן טַאטֶען נִיט גֶעשָׁאלְטֶען !

זאָל זיך מיין צונג דערעהען איבער דאָרנער און איבער פוסטע מיהלען אויב איך האָב איהם געשאָלטען! מיינע בײדע האָנדט גיב איך דיר אז איך ווייס ניט, פאַר וואס דער רבי האָט מיך אזוי געשמיסען; און ער זאָגט נאָך, אז די מאַמע וועט קומען וועט מען מיך נאָך מעהר שמייסען. איך בין דאָך אַ יתום, דער טאַטע וועט קומען ווערגען אפילו מיין רבי'ן וואס ער שלאָגט מיך אומזיסט!

דאָס קינד האָט זיך שרעקליך פאַנאַנדערגעוויינט. רחל'ע האָט איהם צוגעזאָגט אז קיינער וועט שוין אויף איהם אַ פינגער ניט אַרויפלעגען. עס האָט זיך אָבער דערנאָך ניט געקאָנט איינשטילען. ביז עס איז חליפּעדיג איינגעשלאָפען געוואָרען.

אָ, עלענדע יתומים'לעך! האָט רחל'ע אויסגערעדט פאַר זיך בעת די קינדער האָבען שוין געשלאָפען, געשטאָרבען איז אייער טאַטע, אָבגענומען איז אייער מאַמע.... שימעלע פּלוט איז אייער רבי, אייער מדריך!... ניין! נאָך לעב איך!... פאַר אייך וועל איך שטאַרקער זיין אלס איך בין עס פאַר זיך.... פון דיין היילינער רוה פאָטער, קוק אַראָפּ אויף דיינע קינדער, בעט גאָט פאַר אונז ער זאָל אונז אַ פאָטער זיין, אויסער איהם ברויכען מיר קיינעם ניט!....

צוועלף אַ זייגער ביי נאַכט איז חייע'לע געקומען. רחל'ע האָט זיא זעהר פריינדליך בעגעגענט. דיא מוטער האָט זי היים געקושט. נור פון דיינעטוועגען, מיין ליעבע טאָכטער, האָט זיא געטראָסט. נור פון מיינע יתומים'ס וועגען האָב איך מיך געלאָזט איבערעדען און געפּאָלגט דעם רבי'ן זאָל לעבען און האָב אַ קנין געמאַכט מיט ר' פנחס'לען. איך האָף, ער וועט אייך אַ געטרייער פאָטער זיין און איך וועל קאָנען אייך פיעל גוטס טהון, מיט גאָטעס הילף....

— זאָל גאָט געבען מיט מזל! האָט רחל'ע צוגעוואונשען און מעהר ניט גערעדט.

— טאָכטער, דו האָסט אַ גרויסען זכות, זאָג איך דיר, האָט די מוטער ווייטער פּערזיכערט. וואָס ווייסטו, וואָס פאַר אַ גדולה, וואָס פאַר אַ כבוד איך האָב דאָרט געהאַט! ר' פנחס'ל האָט ראשית מיר מבטיח געוועזן אז ער וועט דיר און די קליינע קינדער געטרייער זיין אלס אַ פאָטער. דער רבי זאָל לעבען אַליין האָט מיר געזאָגט אז ער דאַנה'ט פאַר דיר, און איך וועל נאָך אם ירצה השם פיעל נחת האָבען פון דיר!... וואָס מאַכען דיא קינדער, רחל'ע? וויא האָב איך געבאַנגט נאָך אייך, מיינע בריליאַנטעלעך!

— מאָטעלע איז ניט אין גאַנצען, האָט רחל'ע אויסגערעדט. קוים אַ וואָרט געפינענדיג דער מוטער צו ענטפערן אויף איהרע רייד, זיין גוטער רבי האָט איהם היינט אזוי שטאַרק געשמיסען אז דאָס גאַנצע לייבעלע זיינס איז אין פאַסען צושניטען; ער קראַכצט געביך איצט פונ'ם שלאָף. מיין עלענד ברודערל!

— אַלל די בייזע חלומות צו זיין קאָפּ! האָט חייע'לע מיט כעס אַ געשריי געטהון. איך האָב איהם הונדערט מאָל געבעטען פאַר מיין אַוועג פאָהרן, ער זאָל אויף זייא אַ פינגער ניט אַרויפלעגען, נו, נו, איך וועל איהם שוין ווייזען וויא מען שלאָגט מיינע יתומים, איהם וועט עס טהייער קאָסטען!....

זי איז אין קינדערשען צימער אַריין און באַלד צו צו מאָטעלעס בעטעלע. דאָס קינד האָט געקראַכצט און גערעדט פון שלאָף: אוי רבי, שלאָגט מיך ניט! איך בין

א יתום. מיין מאמע וועט אייך קומען ווארגען! – חייעלע האט איהר האנד צוגעלעגט צום קינדס קאפעלע, עס האט געברענט פון היטץ.

– וואס איז דיר, מיין טהייער קדיש׳ל? וואס טהוט דיר וועה, מיין מאמעלע? האט די מוטער געפרעגט און דאס שלאפענד קינד צוגעדריקט צו איהר ברוסט. דאס קינד האט זיך אויפגעהאפט און דער מוטער אנגעקוקט ווי עס וואלט זי ניט ערקענט.

– מאמעלע, מיין טהייער קדישל, האט דיא מוטער אויסגערעדט זעהר צארטליך, וואס איז דיר מיין ליעב קינד?

– אוי מאמוניא, טהייערע מאמוניא! האט דאס קינד מיט טהרערן אויסגעשריען, וואו איז מיין נייער טאטע? שלאג מיך ניט, איך האב איהם ניט געשאלטען, נא דיר מיין האנד אויף מיין חלק לעולם הבא, איך האב איהם ניט געשאלטען, דער רבי האט אלעס אויסגעטראכט און מיך געשמיסען. שלאג מיך ניט מאמוניא. איך בין א יתום, מיין טאטע וועט קומען ווערגען, ווער עס שלאגט מיך.

זאל יענעם א דונער איינשלאגען, ווער עס וויל דיך שלאגען!... איך וועל זיך שוין מיט דיין רבין אפרעכענען! האב קיין מורא, מיין ליעב קינד! – דאס קינד איז צוריק ענטשלאפען געווארן. רחלע מיט דער מוטער זענען פון דער סצענע זעהר גערידרט געוועזן.

אויף מארגען פריה, תיכף נאך דעם דאווענען איז ר׳ שלמה געקומען, ער האט זיין וועהטיג אין הערצען פערשטיקט און האט חייעלען א פריינדליכען מזל טוב אפגעגעבען, זי האט איהם איבערגעגעבען דעם רבינ׳ס פריינדליכען גערוס צו איהם, איהם אויך ערקלערט, ווי נאטהיג דער שדוך מיט ר׳ פנחס׳לען איז, פאר דעם רבינ׳ס געזינד, און זיא וואלט קיינמאל ניט איינגעווילינגט, ווען דער רבי אליין וואלט איהר ניט געזאגט, זי זאל דאס טהון פון זיינע קינדערס וועגען און נאך מעהר פון וועגען דעם גליק פון איהרע איינענע קינדער.

– אין אלץ איז דעם רבונו של עולם׳ס השגחה, האט ר׳ שלמה אויסגערעדט דאס אלץ אויסהערענדיג, דער רבי זאל לעבען, וועט ניט באטהען דיך צו שלעכץ חלילה, און איך דאנק דעם רבונו של עולם פאר זיין חסד, וואס עס האט זיך אזוי געמאכט און ניט אנדערש... גאט זאל זיין חסד ווייטער פון דיר און פון דיינע יתומים ניט ארונטער נעהמען, זאלסט זיין דיינע קינדער שטאנדיג א געטרייע מוטער!...

פאר נאכט איז שימעלע געקומען, רחלע האט איהם אין דיא אויגען ניט געקאנט אנקוקען און איז פון שטוב ארויס. חייעלע האט באלד ביים ערשטען שלום עליכם. שמעונ׳ן שטרענג אויסגערעדט וואס ער האט איהר מאטעלען אזוי געשמיסען.

חייעלע, אז איהר וועט וויסען פאר וואס איך האב אייער מאטעלען געשמיסען האט ער געענטפערט, וועט איהר פאר מיר אין די אויגען איהם נאך מעהר שמייסען. קורץ וועל איך אייך זאגען: אייער רחלע, האט די קינדער אנגעלערנט זייא זאלען שעלטען ר׳ פנחס׳לען, און בעטען ביי גאט א טויט אויף איהם, מילא א קינד ווייס דאך ניט וואס עס רעדט, נוא האט אייער מאטעלע פאר מיר אין דיא אויגען א העזה געהאט צו זאגען: רבי, זאל ר׳ פנחס׳ל מיין נייער טאטע שוין שטארבען! נו, וויא געפאלט אייך אזוינס? האב איך איהם אויפ׳ן באנקעל צוועג געלעגט און אריינ-

געצאהלט עטליכע שמיצין אין די ווייכע. חלילה א בין ניט צובראכען, ניט קשות, ער וועט געזונד זיין! איך ווייס גאר ניט וואס איז מיט היינטיגער וועלט געשעהן? איך בין אויך א חדר יונגעל געוועזען, אז דער דאנערשטאג פלעגט קומען, געדענק איך פלעג איך מיט מיין לעבען ממש ניט זיכער זיין. א קליינינגקייט מיין רבינס שמעקען מיט דיא סוקעס, הרג'ן פלעגט ער מכות אכזריות, און עס האט ברוך השם ניט געשאדט. איך האב נאך היינט צייכענס פון יענעם שמאקען.

חיה'לע האט זיך פערטראכט און די לעצטע רייד שמעון'ס ניט געהערט.

— איך גלויב ניט אז רחל'ע זאל דאס טהון! האט זי געזאגט, פון וואנען ווייסט איהר, אז זי האט עס דאס קינד אנגעלערנט?

— אז איך וואלט ניט געוואוסט, האט שמעון געאנטווערט, וואלט איך ניט גערעדט. זייט וויסען, אז נאך ערב פסח, בעת איך האב אייך דאס ערשטע מאל מציע געוועזען דעם שדוך, איז אייער רחל'ע אונטערן טהיר געשטאנען און האט זיך צוגעהערט וואס איך האב מיט אייך גערעדט, דער נאך אז איהר זענט צוזאמער געגאנגען מיר אזילבערנעם בעבער לייהען, איז זיא אריינגעקומען און האט מיר גילדערנע בערג צוגעזאגט ניר איך זאל ניט קומען מעהר אייך שדוכים רעדען. זעהט איהר אז איך זאג אייך פון סדור ארויס? אז איך האב אייער קינד א ביסעל אנגעשמיסען האב איך נור אייער טובה געמיינט. אייער כבוד פערהיט, חיה'לע!.... גיט זאגט איהר נור אז איהר ווייסט עס פון מיר, וואס טויג מיר אומזיסטען שונא מיר קויפען ביי אייך אין שטוב?

— וואס האט איהר מורא פאר איהר? האט חיה'לע געפרעגט אין כעס.

— איך האב מורא זיא זאל דיא קינדער ניט איינרעדען זיי זאלען אין חדר ניט וועלן געהן, אט זענען זיי שוין היינט ניט געוועזען, אַ עבירה א טאג וואס מען לערנט ניט, אז מען לערנט ניט איין טאג פערגעסט מען אויף גאנצע צוויי.

— האט קיין מורא, ר' שמעון, דערווייל לעב איך נאך, ווי לאנג איך לעב נאך, בין איך די מאמע, ניט זיא. אויך ניט איהר מוהמע דבורה... נור איך בעט אייך, שלאגט זיי ניט, היינטיגע יאהרן זענען באמת ניט דיא פערצייטיגע יאהרן, שוואכע קינדערלעך, ציטריגע יתומים'לעך און זיי זיינען ביא מיר גענוג טהייער אויך. נאך א זאך בעט איך אייך, זאל דערפון קיינער ניט וויסען, עס פאסט ניט פאר דער וועלט און עס טויג ניט אז דאס זאל צו ר' פנחס'לען אנקומען, פערשטעהט איהר: זי שטעהט שוין אויך אין שדוכים, גאט זאל איהר נור איהר אמת'ן בעשערטען צושיקען, ווער ווייס, אפשר וועט אייער הצלחה זיין פאר מיין קינד נאך מעהר ווי פאר מיר אליין!

ר' שמעון האט איהר פארגעלייענט ר' פנחס'לס בריוועלע מיט אלע פרושים, איהר בעוויזען אז זיין הצלחה האט שוין אנגעהויבען לויכטען ווי די זונן אין הימעל, און ער האפט אין ניכען וועט רחל'ע מיט איהם שלום מאכען, ווייל ער, נור ער וועט איהר געבען א לייטישען חתן, א טאטענס א קינד...

אז חיה'לע איז אליין געבליבען האט זיא געזאגט פאר זיך: נו, א געטרייע טאכטער, איהר האט זיך א פנים געוואלט איך זאל גלייך נאך איהר טאטען אין דער ערד אריין... אבער גיין, גאט איז מיט מיר, מסתמא איז מיר דאך נאך בעשערט צו

לֶעבֶּען אונ פון אַלֶעבֶּען עֶרְשְׁט גֶעוָואהר וֶוערן. וֶועט זִי מִיר זַיין אַגוּט קִינְד וֶועל אִיךְ אִיהר בְּלַייבֶּען אַ גֶעטְרַייֶע מוּטֶער, חָלִילָה נִיט, וִוי זִי וִויל זִיךְ. אִיךְ בְּרוּיךְ נוּר פַּאר גָאט דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען יוֹצֵא זַיין.

# ז.

דָאס בְּרִיוֶועלֶע ר׳ פִּנְחָס׳ס צוּ שִׁמְעוֹן הַזַכַּאי: „עֶר זָאל אָנְגִידְרִילֶען זַיינֶע לֶענְדֶען בֶּעגְלִיקֶען אוּנ רַייטֶען״ הָאט אוֹיף דֶעם אָרֶעמֶען מְלַמֵד אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ ווִירְקֶען מִיט אַ צוּיבֶּערְקְרַאפְט, אַנְשְׁטָאט וָואס עֶר הָאט פְרִיהֶער קֵיין גְרֶעסֶער גְלִיק זִיךְ נִיט גֶעוואוּנְשֶׁען וִוי קָאנֶען זַיין עֶלְטֶערֶע טָאכְטֶער חֲתוּנָה מַאכֶען עֶרְגֶעץ מִיט אַ בָּחוּר פוּן בֵּית הַמִּדְרָשׁ, וֶועלְכֶער וֶועט נָאךְ דֶער חֲתוּנָה אוֹיךְ קָאנֶען זַיין אַ מְלַמֵד אוּנ אוֹיךְ הוּנְגֶערְן מִיט זַיין טָאכְטֶער וִויא עֶר מִיט זַיין פְּלוֹנִית, — הָאט עֶר אִיצְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זוּכֶען שִׁדוּכִים מִיט אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים, אוּנ הָאט גֶעהָאפְט מֶעהר: נָדָן צוּ גֶעהֶמֶען אַלְס צוּ גֶעבֶּען.

גָאר אַ אָפְּטֶער נַאכְט אִיז עֶר גֶעוָוארן בַּיי דֶעם אַלְמָן ר׳ הֶערְשׁ לֵייבֶּעלֶעס, וֶועלְכֶער הָאט אַ אֵיינֶען הויז אוּנ אַ קְרָאם פוּן הֶערִינְג אוּנ פוּן אַייזֶען אוּנ הָאט נִיט מֶעהר וִוי דְרַיי קִינְדֶער פוּן זַיין עֶרְשְׁטֶער פְרוֹי. ר׳ הֶערְשׁ הָאט אִיהם אוֹיסְגֶערֶעכֶנְט פוּן זַיין פַּרְנָסָה, פוּן זַיין הָאבּ אוּנ גוּטְס, אִיהם עֶרְקְלֶערְט, אַז עֶר מֵיינְט נִיט נָדָן אוּנ תַּכְשִׁיטִין, עֶר מֵיינְט נוּר אַ כָּשֶׁרֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער. אַ טַאטֶענְס אַ קִינְד, זִי זָאל קָאנֶען אַ גֶעטְרַייֶע מוּטֶער זַיין זַיינֶע קִינְדֶער, אוּנ זַיין אַ ווִירְטְהִין אִין שְׁטוּבּ, זִי זָאל אוֹיךְ טוֹיגֶען אַ מָאל צוּ צוּהֶעלְפֶען אִין קְרָאם אִין אַ מַארְק טָאג. ר׳ שִׁמְעוֹן הָאט זִיךְ פֶערְטְרַאכְט אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צִיהֶען אוּנ מֶעלְקֶען זַיין שְׁפִּיצִיג בֶּערְדֶעל, וִוי עֶר וָואלְט פוּן אִיהם גֶעוָואלְט צוּ[..]וֹיס צִיהֶען דִי כַּלָּה וָואס ר׳ הֶערְשׁ פֶערְלַאנְגְט.

— וָואס טְרַאכְט אִיהר ר׳ שִׁמְעוֹן? הָאט ר׳ הֶערְשׁ גֶעפְרֶעגְט.

— אִיךְ טְרַאכְט גָאךְ אַלְץ, הָאט שִׁמְעוֹן זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען, צוּ אִיז דֶעם רֶבִּינְ׳ס זָאל לֶעבֶּען בְּרָכָה, אוֹיךְ שַׁייךְ צוּ מִיר אַלֵיין וִוי זִיא אִיז שַׁייךְ צוּ אַלֶעמֶען?

— גֶעגֶען וָואס מֵיינְט אִיהר? הָאט ר׳ הֶערְשׁ גֶעפְרֶעגְט.

— פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר מִיךְ, הָאט שִׁמְעוֹן צוּ עֶרְקְלֶערְן אָנְגֶעהוֹיבֶּען, אִיךְ הָאבּ אַלֵיין אַ טָאכְטֶער בְּקָרוֹב חֲתוּנָה צוּ מַאכֶען, אַ בְּתוּלָה יָפָה זָאג אִיךְ אַייךְ, אִיהר קֶענְט זִי גַאנְץ גוּט, נוּר וִויפִיעל אִיהר קֶענְט זִי הֵייבְּט אִיהר גָאר נִיט אָן נָאךְ זִיא צוּ קֶענֶען, אַ בְּרִיָה נִפְלָאָה אִין נֶאהֶען, שְׁטְרִיקֶען, קָאכֶען אוּנ בַּאקֶען, הַיינְט אִיהר פְרוּמְקַייט אוּנ גוּטְסְקַייט, אָהן אַ נֵאל זָאג אִיךְ אַייךְ, אֲפִילוּ צוּ מַשָׂא וּמַתָּן וָואלְט זִיא זִיךְ אוֹיךְ טוֹיגֶען. עֶס פַּאסְט נִיט מַיין אֵייגֶען קִינְד אַזוֹי צוּ לוֹיבֶּען, נוּר וָואס אֱמֶת אִיז, שְׁאס אִיךְ מִיךְ נִיט אַייךְ צוּ זָאגֶען; זֶעהט אִיהר, אַז מַיין טָאכְטֶער וָואלְט חָלִילָה אַ מוּם, אָדֶער אַ שְׁלֶעכְטֶען נָאמֶען גֶעהַאט, וָואלְט אִיךְ מוּזֶען פַאַרְבַּייגֶען דִיא לִיפֶּען אוּנ שְׁוַוייגֶען, אִיצְט אָבֶּער אַז אִיהר גַאנְצֶער מוּם אִיז נוּר דָאס, וָואס דֶעם טַאטֶען אִיהרְן פֶעהלְט עֶטְלִיכֶע מֵאוֹת אוֹיף נָדָן אוּנ תַּכְשִׁיטִין, שֶׁאם אִיךְ מִיךְ גָאר נִיט אוּנ זָאג אַייךְ ר׳ הֶערְשׁ, אַז מַיין טָאכְטֶער וָואלְט בְּנֶאֱמָנוּת זַיין פַּאר אַייךְ אַ גוּט וַוייבּ, אִיהר

װאָלְט װיסֶען פוּן אַלֶעבֶּען אוּנ אַײעֶרֶע קִינְדֶער װאָלְטֶען אַ אֶמֶת גֶעטְרַײעֶ מוּטֶער הָאבֶּען.

ר׳ הֶערְשׁ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּמְצוּגֶעהן הִין אוּנ צוּרִיק.

— ר׳ הֶערְשׁ, הָאט שִׁמְעוֹן װַײטֶער גֶעזָאגְט, כָּל זְמַן, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, אַז אִיהר װִילְט נַבְן הָאבּ אִיךְ אַײךְ װֶעגֶען מַיין אֵיינֶען קִינְד נִיט דֶערְמָאנְט. נוּר אִיצְט אַז אַײעֶר רָצוֹן אִיז. נוּר אַ קֶרֶן אַ גֶעזוּנְטֶען נִיט קֵיין רֶיוַח, פְרֶעג אִיךְ אַײךְ: װָאס פַאר אַ חִסָרוֹן גֶעפִינְט אִיהר אִין מַיין קֶרֶן? אִיהר מֵיינְט אַז אִיךְ זָאג אַײךְ: אִיךְ בִּין אַ קַבְּצָן, בִּין אִיךְ טַאקִי חָלִילָה נָאר אַ קַבְּצָן? הָאט קֵיין טָעוּת נִיט, אִיךְ װֶעל מַיין טָאכְטֶער קֵיין הוּנְדֶערְטֶער נִיט גֶעבֶּען, אָבֶּער קְלֵיידֶער, בֶּעטְגֶעװַאנְד כְּמִנְהַג בַּעֲלֵי בָּתִּים נְגוֹהִים הָאבּ אִיךְ נָאךְ צוּ גָאט אַ בִּטָחוֹן אִיהר צוּ גֶעבֶּען אוּנ טַאקִי בֶּענְשֶׁען זִיא בְּכָל טוּב סֶלָה!.... נִיט פֶערְגֶעסְט, אַז דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען װֶעט זִיא אוֹיךְ בֶּענְשֶׁען, זַיינְס אַ בְּרָכָה, גַאבְּט זִיךְ, אִיז עֶפִּים װֶערְטְה בַּיי אַ יוּדֶען אַ חָסִיד װָאס גְלוֹיבְּט אִין אִיהם!....

אַזוֹי לַאנְג הָאט שִׁמְעֶלֶע גֶערֶעדְט בִּיז ר׳ הֶערְשׁ הָאט אַײנְגֶעװִילִּיגְט.

ר׳ שִׁמְעוֹן הָאט פֶערְלַאנְגְט מֶען זָאל שׁוֹין אַרַײנְרוּפֶען עֶטְלִיכֶע יוּדֶען הָאטְשׁ שְׁכֵנִים אַ בִּי װֶעמֶען, אוּנ מֶען זָאל אַ רָאשֵׁי פְּרָקִים אוֹיפְשְׁרַײבֶּען אוֹיף פַאפִּיר װִי עֶס פִירְט זִיךְ בַּיי יוּדֶען, דַארוֹיף הָאט ר׳ הֶערְשׁ גֶעעֶנְטְפֶערְט: אָט הָאט אִיהר מַיין תְּקִיעַת כַּף אַז אִיךְ װֶעל קֵיין חֲרָטָה הָאבֶּען, לְרַאֲיָה װֶעל אִיךְ אַײךְ שׁוֹין אַ מַתָּנָה גֶעבֶּען פַאר מַיין כַּלָה, מָארְגֶען אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם, װֶעט אִיהר שִׁיקֶען רוּפֶען קְרוֹבִים אוּנ גוּטֶע פְרַײנְד אוּנ מִיר װֶעלן מַאכֶען אַ תְּנָאִים כָּשֵׁר וְיָשָׁר מִיט פַאראַד, דֶערְװַײל לָאמִיר גֶעהמֶען צוּ בִּיסְלֶעךְ מַשְׁקֶה.

ר׳ הֶערְשׁ הָאט זַײנְס אַ קִינְד גֶעשִׁיקְט צוּ שְׁמוּאֵל דֶעם װַײנְשֶׁענְקֶער נָאךְ אַ פָּאר בּוּטֶעל װַיין, מִיט לֶעקֶעךְ, בְּרוֹינְפֶען הָאט עֶר גֶעהַאט בַּיי זִיךְ. בִּיז צְװֶעלְף בַּיי נַאכְט הָאט דֶער חָתָן מִיט זַיין פְרִישֶׁען מְחוּתָּן גֶעגֶעסֶען אוּנ גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנ דֶערְמָאנְט דֶעם רֶבִּין זָאל לֶעבֶּען אוּנ ר׳ פִּנְחָסְלֶען צוּם נוּטֶען מִסְתָּמָא.

אַז דֶער פְרִישׁ גֶעבַּאקֶענֶער מְחוּתָּן הָאט בֶּעדַארְפְט אַװֶעג גֶעהן, הָאט ר׳ הֶערְשׁ אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן קַאמָאד זַיין עֶרְשְׁטֶען װַײבְּס בְּרִילְיַאנְטֶענֶע אוֹיהְרִינְגְלֶעךְ, אוּנ הַאט גֶעזָאגְט:

— אָט הָאט אִיהר אַ סִימָן, אַײעֶר װַײבּ אוּנ קִינְד זָאלֶען אַײךְ גְלוֹיבֶּען. עֶר הָאט אִיהם אוֹיךְ אַ פְלַאשׁ רוֹיטֶען װַיין מִיט אַ הַאלְבֶּען לֶעקֶעךְ מִיטְגֶעגֶעבֶּען, זָאלֶען זַיין גֶעזִינְד אוֹיךְ עֶפִּים חָאטְשׁ גֶענִיסֶען פוּן הַיינְטִיגֶען קִנְיָן.

פוּן יֶענֶעם אָבֶענְד װָאס שִׁמְעוֹן הָאט דִיא מְזוּמָּן׳ע צֶעהן רוּבֶּעל מִיט דֶעם הַצְלָחָה בְּרִיװֶעלֶע גֶעבְּרַאכְט הָאט מֶען פַאר אִיהם זֶעלְבְּסְט אִין זַיין הֵיים גְרוֹיס דֶרֶךְ אֶרֶץ גֶעהַאט אוּנ מֶען הָאט זִיךְ נִיט פֶערְנִינְט צוּ עֶסֶען װֶעטְשֶׁערֶע פְרִיהֶער פַאר אִיהם.

— הֶלֶעבֶּען, שִׁמְעוֹן דוּ הָאסְט נָאר קֵיין יוֹשֶׁר נִיט! הָאט דָאס װַײבּ גֶעזָאגְט װִי עֶר אִיז נוּר אִין שְׁטוּבּ אַרַײנְגֶעקוּמֶען. דוּ װֵייסְט דָאךְ אַז מֶען װַארְט אוֹיף דִיר, דָאס הַארְץ הָאט אוּנְז אַלֶעמֶען אִיבֶּערְגֶעהַלְשְׁט װַארְטֶענְדִיג.

— אָבֶּער אַז מֶען װַארְט דֶערְװַארְט מֶען זִיךְ!... הָאט שִׁמְעוֹן מִיט אַ פִיעָל־בֶּעדַײטֶענְדֶען שְׁמֵייכֶעל גֶעעֶנְטְפֶערְט. אָט הָאט אִיהר זִיךְ דֶערְװַארְט אוּנ אִיךְ הָאבּ

אייך גֶעבְּרַאכְט אַ מַזָל טוֹב. זָאגְט זְשֶׁע מִיר: מַזָל טוֹב! צִיפֶּע, דוּ בִּיזְט אַ מְחוּתֶּנֶת'טֶע. אוּנְזֶער זְלַאטְקֶע אִיז אַ כַּלָה גֶעוָוארן הַיינְט בַּיי נַאכְט מִיט ר' הֶערְשׁ לֵייבֶּעלֶעס!

— שִׁמְעוֹן, דוּא בִּיסְט שִׁכּוֹר, הָאבּ קֵיין פַּארְאִיבֶּעל נִיט, הָאט דָאס וַוייבּ מִיט אַ הַאלְבֶּען כַּעס אַ זָאג גֶעטְהוּן. מְשׁוּגָע וֶועט ר' הֶערְשׁ וֶוערן זִיךְ מְשַׁדֵךְ צוּ זַיין מִיט אוּנְז קַבְּצָנִים? וָואס אִיז, עֶר קָאן נִיט נֶעהמֶען טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל נַדן אוּנ אַ מֶאדֶעל פוּן אַ נְגִידִישֶׁען הוֹיז, חָאטְשׁ עֶר אִיז אַ אַלְמָן? צוּ הוֹיךְ פְלִיהסְטוּ מַיין מַאן, פָּאלְג מִיר, לֶעג זִיךְ שְׁלָאפֶען. אַז מֶען חָלוֹמְט נִיט אַ הַארְר, שְׁטֶעהט מֶען נִיט אוֹיף אַ נַארְר.

— הֶערְסְטוּ צִיפֶּע, הָאט שִׁמְעוֹן שְׁטָאלְץ אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן, דוּא בִּיזְט אִין אֱמוּנָה אֶרְגֶער פַאר פַּרְעֹה מֶלֶךְ מִצְרַיִם, מֵילָא עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ רָשָׁע, עֶר הָאט זִיךְ גֶעזָאגְט עֶר אִיז אַלֵיין אַ גָאט, אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט גְלוֹיבֶּען אָהן אַ מוֹפֵת אָבֶּער דוּא בִּיזְט דָאךְ אַ טָאכְטֶער פוּן אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע אִמָהוֹת שָׂרָה רִבְקָה רָחֵל לֵאָה, גְלוֹיבְּסְטוּ אוֹיךְ נִיט אָהן אַ אוֹת אוּנ אָהן אַ מוֹפֵת? אַז אִיךְ זָאג דִיר גְלוֹיבּ, זָאלְסְטוּ גְלוֹיבֶּען, הֶערְסְטוּ וָואס אִיךְ זָאג דִיר?!

— אִיךְ קָאן נִיט גְלוֹיבֶּען וָואס קֵיינֶער וֶועט נִיט גְלוֹיבֶּען! הָאט זִיא זִיךְ גֶעהַאלְטֶען בַּיי אִיהר אַפִּקוֹרְסִית, בִּפְרַט אַז דוּ בִּיזְט אִיצְט בֶּעשְׁוָואכְט אַ בִּיסֶעל, זַיי מִיר מוֹחֵל.

— נוּא זָאל אִיךְ דִיר בֶּעוַוייזֶען אַ אוֹת וּמוֹפֵת, אַז אִיךְ זָאג אֱמֶת? אָט בַּאלְד נוּר וָואס פַאר אַ מוֹפֵת ווִילְסְטוּ? אָט גִיבּ אִיךְ אַ וָוארְף מַיין שְׁטֶעקֶען אוּנ עֶר וֶוערְט אַ שְׁלַאנְג?

דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען מוֹרָא הָאבֶּען אוּנ דִיא עֶלְטֶערֶע הָאבֶּען זִיךְ פַאנַאנְדֶער גֶעלַאכְט.

— לַאכְט, לַאכְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיהר וֶועט שׁוֹין בַּאלְד נִיט לַאכֶען! זֶעטְץ זִיךְ מַיין וַוייבּ אוֹיבֶּענְאָן, וְוִי פַּרְעֹה מֶלֶךְ מִצְרַיִם, זָאל מִיר דַאכְטֶען; אִיהר, מַיינֶע טֶאכְטֶער, שְׁטֶעלְט אַייךְ פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען גֶעבֶּען דֶער מַאמֶעס שְׁטוּהל, זָאל מִיר דַאכְטֶען אִיהר זֶענְט דִי חַרְטוּמֵי מִצְרַיִם, נוּר גִיט מִיר פְרִיהֶער אַ הֶערְצוּ אַ פָּאר גְלֶאזֶער אָבֶּער וְוִישְׁט אוֹיס רֵיין, אִיךְ וֶועל וְוִיא מֹשֶׁה רַבֵּינוּ מַאכֶען פוּן וַואסֶער דַם, גִיכֶער זָאג אִיךְ! הָאט עֶר גֶעקָאמַאנְדָאוֶועט אוּנ מֶען הָאט אַלְץ גֶעטְהוּן וְוִי עֶר הָאט בֶּעפֶעהלְן. זֶעהר שְׁטָאלְץ הָאט עֶר אַ הֵייבּ גֶעטְהוּן זַיין שְׁטֶעקֶען אוּנ אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן: דַם! אוּנ הָאט מִיט דֶער לִינְקֶער הַאנְד פוּן בּוּזֶעם אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דִי פְלַאשׁ רוֹיטֶען וַויין אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען גִיסֶען אִין דִי גְלֶאזֶער —

— נוּ, אִיצְט גְלוֹיבְּט אִיהר שׁוֹין? הָאט עֶר מִיט נִצָחוֹן אַ פְרֶאג גֶעטְהוּן.

— מִיר גְלוֹיבֶּען! הָאט דָאס וַוייבּ גֶעעֶנְטְוֶוערְט.

— נוּ, וַוייל אִיהר גְלוֹיבְּט, וֶועל אִיךְ אַייךְ נִיט שְׁטְרָאפֶען מִיט מַכּוֹת, וְוִי מֹשֶׁה רַבֵּינוּ עָלָיו הַשָּׁלוֹם הָאט גֶעשְׁטְרָאפְט פַּרְעֹהן בְּמִצְרַיִם. מַכּוֹת וֶועלן הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים, אִיהר טְרִינְקְט דֶעם וַויין, זַייט אַייךְ מְשַׂמֵחַ. נוּ, טְרִינְקְט, הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט, דָאס אִיז נִיט דַם.

— דָאס אִיז טַאקִי וַויין בֶּאֱמֶת? הָאט דִיא אֶרֶעסְטֶע יוּדֶענֶע גֶעפְרֶעגְט, נִיט גְלוֹיבֶּענְדִיג אִיהרֶע אוֹיגֶען.

— יֵין נֶסֶךְ, כָּשֶׁר'עֶר וַויין! אִיהר מָאגְט אַ בְּרָכָה מַאכֶען: בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן! הָאט

שמעון מבטיח געוועזען, טרינקט אוים זאג איך איך, וואס קוקט איהר?

דאס ווייב האט איהר עצה געזאגט, בעסער עס בעהאלטען אויף קדוש און הבדלה, ר' שמעון האט אבער מיט כעס און מיט גאוה געזאגט: טרינקט זאג איך אייך. דאס האט דער חתן א סימן געשיקט; איך האב שוין גענוג געטרונקען, נאט אייך לעקעך אויך, טרינקט, זאגט לחיים און מזל טוב!...

לחיים שמעון, מזל טוב! זאל גאט געבען מיט מזל מיט ברכה אונ מיר זאלען מאקי אויפגעריכט ווערן, רבונו של עולם! האט דאס ווייב מיט טהרערן אין די אויגען געזאגט און א ברכה געמאכט „בורא פרי הגפן", זי האט די גלאז וויין צוגעטראגען צו איהרע בלאסע ליפפען א זופ געטהון, און באלד אוועק געשטעלט צוריק. א טעם נן שרן! האט זיא געזאגט, עס קאסט א נדאי, פינף גילדען א בוטעל. די קליינע קינדער זענען צוגעלאפען צו דער טוטער און נאך דעם אז זיי האבען א ברכה געמאכט האט די זיי אויך צו זופען איינציגע געגעבען. די קינדער האבען די פערשמאכטע ליפעלעך מיט צינגעל אבגעלעקט. אויך די טאכטער האבען צו זופען געטהון און דער טאטע האט לעקעך געטהיילט און איבער געלאזען א שטיקעל פאר זיך אויף מארגען נאך א טרונק בראנפען צו פערבייסען. דאס ווייב האט מעהר ווי א האלב בוטעל מציל געוועזען און בעהאלטען אויף קידוש לכבוד שבת. נאך גראסער איז די שמחה געווארן אז ער האט די אויהרינגלעך ארויסגענומען און דערלאנגט זיין טאכטער. נא דיר, דיין חתנ'ס מתנה, האט ער געזאגט. דוא זאלסט געזונדערהייט פערניטצען, נאך בעסערע וועט ער דיר שענקען נאך תנאים.

די ברילאנטען האבען א בליטץ געטהון אין דעם שטיבעלע וואו זייער שטראהל האט נאך קיינמאל ניט אריינגעשיינט און אלעמענס אויגען האבען א שיין געטהון פון פרייד און גליק. שמעונס ווייב האט געשאטצט, די יונגערע טאכטער האט געזאגט, זיי זענען שוין איצט ניט מאדיש, די כלה האט געגעבען צופערשטעהן אז מען קאן זיי לאזען איבער מאכען, און שמעון האט געזאגט: א דאנק פאר דעם א געשאנקטען פערד קוקט מען ניט אין די ציין — זעלבסט די קליינע קינדער האט מען געמוזט געבען א קוק טהון.

אויף מארגען צו האלבען טאג האט שימעלע פריי געלאזען זיינע תלמידים און איז אליין אוועג געלאפען אנזאגען די בשורה חייעלען און בעטען זיא אויף תנאים.

— פריהער גאט דער נאך אייך, חייעלע, האב איך צו דאנקען מיין הצלחה, האט שימעלע געזאגט, אז ניט דורך אייער זכות, וואס אייך איז בעשערט צו ווערן ר' פנחס'לס עזר כנגדו, וואלט איך נאך ניט געבענשט געווארן מיט אזא ברכה. איהר וועט קומען מיין שמחה בעשאנען. חייעלע, אויף נאמנות, זאג איך אייך, דאס איז אייער שמחה, אייער ר' פנחס'ל זאל לעבען, אייער בריוועלע, אייער ברכה, אלץ אייערס!...

— האט איהר שוין אלץ צוגעגרייט צו די תנאים? האט זי געפראגט, אום צו בעווייזען אז זי אינטערעסירט זיך מעהר ווי מיט געוואהנליכער איינלאדונג אויף א בי א שמחה ערגעץ.

— צוּגֶעגְרַייט? וָואס זָאל אִיךְ צוּגְרֵייטֶען? הָאט עֶר גֶעעֶנְטפֶערְט. דֶער חָתָן וֵוייס, אַז אִיךְ בִּין נִיט רָאטְחשִׁילְד. עֶר מַאכְט דִי תְּנָאִים בַּיי זִיךְ.

אִין דִי רֵייד אִיז אַריינְגֶעקוּמֶען אַ יוּנְגֶעל שִׁמְעוֹנ'ס אוּנ הָאט דֶעם טַאטֶען גֶעזָאגְט אַ סוֹד אִין אוֹיעֶר אַרַיין, שִׁמְעוֹן הָאט דָאס קִינְד גֶעהֵייסֶען וַוארְטֶען. אַז רָחֵלֶע אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִיז שִׁמְעוֹן צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהר. מִיט פְרֵייד אִיהר אָנְגֶעזָאגְט דִיא בְּשׂוֹרָה: בַּיי זַיין טָאכְטֶער וֶועט הַיינְט תְּנָאִים זַיין מִיט ר׳ הֶערְשֶׁען.

— זָאל נָאט גֶעבֶּען מִיט מַזָּל! הָאט רָחֵלֶע צוּגֶעוואוּנְ'שֶׁען פוּן נַאנְצֶען הֶערְצֶען. עֶר הָאט אוֹיף אִיהר אַ קוּק גֶעטְהוּן מִיט אַזֶעלְכֶע אוֹיגֶען וָואס הָאבֶען אִיהר קְלָאר צוּ פֶערְשְׁטֶעהן גֶעגֶעבֶּען, אַז עֶר וִויל בַּיי אִיהר עֶטְוָואס בֶּעטֶען.

— וָואס פֶערְלַאנְגְט אִיהר, רֶבִּי? הָאט זִיא פְרַיינְדְלִיךְ גֶעפְרֶאגְט.

— אִיךְ שֶׁאם מִיךְ אוֹיסְצוּזָאגֶען. נוּר וָואס טוּ'ג דִי שֶׁאמֶעריי? אָרֶעמְקֵייט, זָאגְט מֶען, אִיז קֵיין שַׁאנְד נִיט! מַיין אַלְטֶע הָאט מִיר גֶעשִׁיקְט אָנְזָאגֶען דוּרךְ מַיין יוּנְגֶעל וָואס זִיצְט דָא אוּנ וַוארְט אוֹיף מַיין תְּשׁוּבָה, אַז דִיא כַּלָּה וִויל צוּם תְּנָאִים נִיט גֶעהן. ווייל זִי הָאט פְּשׁוּט אַ רֶעכְט קְלֵיידֶעל נִיט אוֹיף זִיךְ וָואס אָנְצוּטְהוּן. זַיי אַ גוּטֶע רָחֵלֶע, זֶעה צוּ אִיהר צַער אוּנ מַיין צַער אוּנ לַייה אֵיינְס פוּן דַיינֶע שַׁבָּת'דִינֶע מַלְבּוּשִׁים אוֹיף דֶער נַאכְט פוּן אִיהר תְּנָאִים.

וָואס דַארְפְט אִיהר אַזוֹי בֶּעטֶען, רֶבִּי? הָאט דִי נוּטְמוּטְהִיגֶע רָחֵלֶע אוֹיסְגֶערֶעדְט. נֶעהט אַ הֵייב. אִיךְ וֶועל בַּאלְד אַלֵיין קוּמֶען צוּ אַייךְ אוּנ מִיטְבְּרֶענְגֶען אַלֶץ וָואס אַייעֶר טָאכְטֶער בְּרוֹיךְ.

נָאט זָאל דִיר גוּטְס טְהוּן. טְהַייעֶרֶע רָחֵלֶע! הָאט שִׁמְעוֹן אוֹיסְגֶערֶעדְט פוּן גַאנְצֶען הֶערְצֶען, דוּ בִּיזְט טוֹיזֶענְד מָאל בֶּעסֶער פַאר מִיר. אִיךְ פֶערְגֶעס בַּאלְד דָאס גוּטְס וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן דִיר, אוּנ אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְטְה דַיין חֶסֶד... עֶר הָאט זִיךְ אִין דֶער מִינוּט דֶערְמָאנְט דִי שְׁלֶעכְטֶע וֶוארְטֶער זַיינֶע וָואס עֶר הָאט פַאר הַייעֶלֶען אוֹיף אִיהר אָנְגֶערֶעדְט. רָחֵלֶע הָאט אִיהם עֶרְקְלֶערְט, אַז אִיהר טוֹבָה אִיז נָאר אַ קְלֵיינִיגְקֵייט יֶעדֶער אוֹיף אִיהר אָרְט וָואלְט נִיט אַנְדֶערְשׁ טְהוּן.

— נֵיין, נֵיין! הָאט עֶר מִיט הַארְץ גֶעזָאגְט. לֵב יוֹדֵעַ מָרַת נַפְשׁוֹ. מַיין הַארְץ ווייס, וָואס מַיין צוּנְג רֶעדְט, אוּנ אִיז מִיט דִי וָוארְטֶער וִויא אַ בַּעַל תְּשׁוּבָה אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער בֶּעטֶען אוֹיף זַיין שִׂמְחָה.

אִין אַ הַאלְב שָׁעָה אַרוּם אִיז רָחֵלֶע צוּ ר׳ שִׁמְעוֹנ'ן גֶעגַאנְגֶען. אִיהר דִינְסְטמֶאדֶעל הָאט אִיהר נָאכְגֶעטְרָאגֶען אַ גַאנְצֶען בּוּנְד קְלֵיידֶער אַיינְגֶעבּוּנְדֶען אִין אַ סֶערְוֶועט. זִי הָאט אַלֵיין גֶעהָאלְפֶען דִי כַּלָּה אָנְטְהוּן. זִיךְ גֶעבּוּיגֶען אוּנ גֶעמִיהט אוּנ אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט שִׁימְעלֶעס טָאכְטֶער וִוי אַ בַּת מַלְכָּה. אַז דִי כַּלָּה אִיז שׁוֹין אִין גַאנְצֶען אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט גֶעוֶועזֶען הָאט רָחֵלֶע אַלֵיין זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט, וָוארוּם זִי הָאט אִיצְט פַאר זִיךְ אַ שֶׁאן פָּנִים. אַ שֶׁאנֶעס וואוּכְּס דֶערְזֶעהן וָואס זִיא הָאט אִין שִׁמְעוֹנ'ס טָאכְטֶער קֵיינְמָאל נִיט בֶּעמֶערְקְט.

אַךְ, אָרֶעמְקֵייט, אָרֶעמְקֵייט, וִוי מְאוּס בִּיזְטוּ דָארְט וואוּ דוּ בִּיזְט נוּר! הָאט אִיהר הֶערְץ אִין זִיךְ גֶערֶעדְט. אָט דָאס שֶׁאן פָּנִים הָאסְטוּ שְׁטָאנְדִיג חֹשֶׁךְ גֶעמַאכְט.

קָאן נִיט דָאס אָרֶעם קִינְד אַזַא שֶׁאן קְלֵייד אוּנ צִיעָרוּנְג טְרָאגֶען וִוי אִיךְ? נוּר דוּא אָרֶעמְקֵייט מַאכְט דִי מֶענְשֶׁען מִאוּס!....״

שִׁמְעוֹן אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אוּנ אַז עֶר הָאט זַיין טָאכְטֶער דֶערְזֶעהְן, הָאט עֶר זִיא כִּמְעַט נִיט עֶרְקֶענְט. רָחֶל׳ע הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט: וָואס זָאגְט אִיהר, רֶבִּי, אִיז אַייעֶר טָאכְטֶער נִיט אַ שֶׁאנֶע כַּלָּה? ״דִי הֵיילִיגֶע גְמָרָא אִיז גֶערֶעכְט!״ הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט אוּנ טְהְרֶערן זֶענֶען אִיהם אִין זַיינֶע אוֹיגֶען גֶעשְׁטַאנֶען. רָחֶל׳ע הָאט אִיהם נִיט אִיבֶּער גֶעפְרֶעגְט וָואס עֶר מֵיינְט דֶער מִיט, נוּר אַז זַיין בֶּעוֶועגְט הֶערְץ אִיז רוּהִיגֶער גֶעוָוארְן הָאט עֶר צוּ רָחֶל׳ן גֶעזָאגְט: וֵוייסְטוּ, גוּטֶע רָחֶל׳ע, וָואס אוּנְזֶער גְמָרָא זָאגְט? דִיא גְמָרָא דֶערְצֶעהלְט אַזַא גֶעשִׁיכְטֶע: אַ חָתָן הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעזֶעהְן אַז זַיין כַּלָּה אִיז נִיט שֶׁאן הָאט עֶר זִיךְ אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן מִיט אִיהר נִיט צוּ לֶעבֶּען. דֶער כַּלָּה׳ס עֶלְטֶערן וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזְן גְרוֹיסֶע קַבְּצָנִים, אַזוֹי וִוי אִיךְ לְמָשָׁל, הָאבֶּען דֶעם חָתָן נִיט מוֹחֵל גֶעוֶועזְן זַיין וָוארְט, אוּנ עֶר הָאט שׁוֹין גֶעוָואלְט חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט אִיהר. וָואס טְהוּט מֶען אָבֶּער מִיט דֶעם נֶדֶר וָואס עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען מִיט אַזַא מְאוּסֶקֵייט. רַחֲמָנָא לִצְלַן, נִיט צוּ לֶעבֶּען? ... אַ נֶדֶר, מַיין טָאכְטֶער, אִיז אַ נֶדֶר, אוּנ וָואס אַ מֶענְשׁ נֶעהמְט זִיךְ פָאר בְּתוֹרַת נֶדֶר מוּז עֶר מְקַיֵים זַיין. אָט זֶענֶען זֵיי אַוֶועגְגֶעלָאפֶען צוּם תַּנָא ר׳ יִשְׁמָעֵאל אוּנ הָאבֶּען אִיהם דֶערְצֶעהלְט זֵייעֶר צַעַר אוּנ גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל דֶעם חָתָן מַתִּיר נֶדֶר זַיין. דֶער תַּנָא ר׳ יִשְׁמָעֵאל הָאט גֶעהֵייסֶען בְּרֶענְגֶען צוּ זִיךְ דִיא כַּלָּה, אַז מֶען הָאט זִיא צוּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט, הָאט עֶר אִיהר גֶעגֶעבֶּען גוּט צוּ עֶסֶען אוּנ צוּ טְרִינְקֶען פוּן כָּל טוּב מִסְתָּמָא, עֶר הָאט אִיהר גֶעגֶעבֶּען שֶׁאנֶע קְלֵיידֶער אוּנ צִיעָרוּנְג, מֶען הָאט זִיא אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט אוּנ זִיא אִיז שֶׁאן גֶעוָוארְן וִויא אַ בַּת מַלְכָּה, דֶער נָאךְ הָאט ר׳ יִשְׁמָעֵאל גֶעהֵייסֶען בְּרֶענְגֶען דֶעם חָתָן. ר׳ יִשְׁמָעֵאל הָאט אִיהם אַרַיינְגֶעפִיהְרְט אִין חֶדֶר פוּן זַיין כַּלָּה אוּנ גֶעפְרֶעגְט: זָאג מִיר, מַיין זוּהן, אַז דַיין כַּלָּה וָואלְט גֶעוֶועזְן אַזוֹי שֶׁאן אָט וִוי דִי וֶועלְכֶע דָא זִיטְצְט וָואלְסְטוּ זִיךְ אוֹיךְ אַזַא נֶדֶר גֶעטְהוּן? נֵיין! הָאט דֶער חָתָן גֶעאֶנְטְוֶוערְט, דִי אִיז דָאךְ אַ שֶׁאנֶע, — פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ רָחֶל׳ע, עֶר הָאט זִי נִיט עֶרְקֶענְט, אַזוֹי שֶׁאן אוּנ לִיכְטִיג אִיז גֶעוָוארְן אִיהר פָּנִים פוּן דִי גוּטֶע שְׁפַּייז אוּנ טְהַייעֶרֶע קְלֵיידֶער.

אוֹיבּ אַזוֹי, הָאט ר׳ יִשְׁמָעֵאל גֶעזָאגְט, נֶעהם דַיין כַּלָּה אוּנ לֶעבּ גְלִיקְלִיךְ מִיט אִיהר! דָאס מֶעדֶעל אִיז דַיין כַּלָּה, דַיין נֶדֶר אִיז גֶעוֶועזְן בְּטָעוּת, וַוייל דַיין כַּלָּה, זֶעהסְטוּ דָאךְ, אִיז גָאר אַ שֶׁאנֶע. דֶער חָתָן הָאט זִיךְ דֶערְפְרֶעהט אוּנ מִסְתָּמָא ר׳ יִשְׁמָעֵאל׳ן גֶעדַאנְקְט וָואס עֶר הָאט אִיהם מַתִּיר נֶדֶר גֶעוֶועזְן אוּנ נָאךְ מֶעהר וָואס עֶר הָאט זַיינֶע אוֹיגֶען גֶעאֶפֶענְט צוּ זֶעהן אַז זַיין כַּלָּה אִיז גָאר אַ יְפַת תּוֹאַר. נוּר דֶער הֵיילִיגֶער תַּנָא ר׳ יִשְׁמָעֵאל הָאט צוּ וֵויינֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט: בְּנוֹת יִשְׂרָאֵל נָאוֹת הֵן אֶלָּא שֶׁהָעֲנִיוּת מְנַוְולָתָן! דָאס אִיז טַייטְשׁ: יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער זֶענֶען בְּאֶמֶת שֶׁאנֶע, נוּר דִי פִינְסְטֶערֶע אָרֶעמְקֵייט — וָואס בַּיי אוּנְז יוּדֶען אִיז מֶעהר שָׁכִיחַ, וִוי בַּיי כָּל אוּמָה וְלָשׁוֹן, — מַאכְט זֵיי נֶעבִּיךְ מִאוּס, אוּנ אַזוֹי פְלֶעגְט ר׳ יִשְׁמָעֵאל שְׁטֶאנְדִיג טְהוּן, וואו עֶס פְלֶעגְט קֵיין שָׁלוֹם אוּנ קֵיין אַהֲבָה נִיט זַיין צְוִוישֶׁען יוּדִישֶׁע מַאן אוּנ וַוייבּ, אִיבֶּער דֶעם, וָואס זִי אִיז נִיט אַזוֹי שֶׁאן וִויא אִיהם ווִילְט זִיךְ. דֶערְפַאר, אַז ר׳ יִשְׁמָעֵאל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, דֶערְצֶעהלְט דִי גְמָרָא הָאבֶּען דִי יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער גֶעזָאגְט: בְּנוֹת יִשְׂרָאֵל עַל ר׳ יִשְׁמָעֵאל בְּכֶינָה! יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, וֵויינְט וָואס ר׳ יִשְׁמָעֵאל, אַייעֶר מְלַמֵּד זְכוּת אוּנ

גֶעטְרַייֶער פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען! אִיךְ דֶערְצֶאהל דִיר דָאס רָחֶל'ע, וָוארוּם מִיר אִיז כָּל יְמֵי דִי גְּמָרָא קָשֶׁה גֶעוֶועזֶן; פָּשׁוּט, אִיךְ הָאבּ נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען. וָואס אִיז דָאס פַאר אַזאַ גְרוֹיסֶער עִנְיָן וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן? אִיז דִי כַּלָּה נִיט שֶׁאן, וואו שְׁטֶעהט דֶעןְ אִין דֶער תּוֹרָה אַז מֶען מוּז דַוְקָא הָאבֶּען אַ שֶׁאנֶע כַּלָּה? נוּר אִיצְט אַז דוּא, מַיין תַּלְמִידְקֶע, הָאסְט כִּמְעַט מִיט מַיין טָאכְטֶער גֶעטְהוּן אַזוֹי וִוי ר' יִשְׁמָעֵאל, אוּנ אַז אִיךְ הָאבּ מַיין אֵייגֶען קִינְד כִּמְעַט נִיט דֶערְקֶענְט – אַזוֹי שֶׁאן אִיז עֶס גֶעוָוארן אִין דַיינֶע טְהַייעֶרֶע קְלֵיידֶער – הָאט זִיךְ מַיין הַארְץ דֶערְפְרֶעהט, אֶמֶת דֶערְפְרֶעהט, אַזְש מִיר הָאבֶּען זִיךְ טְהֶרֶערן גֶעשְׁטֶעלְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן שִׂמְחָה, אוּנ מִיר הָאט זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג דֶערְמָאנְט דִיא גֶעשִׁיכְטֶע פוּן ר' יִשְׁמָעֵאלְ'ן. מַיין הַארְץ הָאט עֶרְשְׁט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס פַאר אַ טְהַייעֶרֶער גוֹמֵל חֶסֶד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶן פַאר יוּדִישֶׁע אָרֶעמֶע טֶאכְטֶער אוּנ וָואס פַאר אַ מַרְבֶּה שָׁלוֹם עֶר אִיז גֶעוֶועזֶן בֵּין אִישׁ לְאִשְׁתּוֹ!

אִיךְ זָאג דִיר, טְהַייעֶר רָחֶל'ע, אַז אִין דִיר אִיז דָא אַ נִצוֹץ, אַ פוּנְק אַ הֵיילִיגֶער פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען תַּנָּא ר' יִשְׁמָעֵאל. הָאטְשׁ דוּא וֵוייסְט אֶפְשָׁר גָאר נִיט פוּן אִיהם, נוּר אַז דוּ וֶועסְט אוֹיסְלֶעבֶּען דַיינֶע הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר אוּנ טְהוּן טוֹבוֹת יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער, זֵיי נִיט לָאזֶען פַארְשֶׁאמְט וֶוערן אוֹיף זֵייעֶרֶע שִׂמְחוֹת מִיט זֵייעֶר אָרֶעמְקֵייט, וֶועט ר' יִשְׁמָעֵאל דִיר אַרוֹיסְקוּמֶען עַנְטְקֶעגֶען אוּנ דִיךְ זֶעטְצֶען מִיט אִיהם אִין אֵיין מְחִיצָה אִין גַן עֵדֶן!

רָחֶלֶ'ען הָאבֶּען דִיא וֶוערְטֶער אַזוֹי גֶערִיהְרְט, אַז זִיא אִיז בֶּערֵייט גֶעוֶועזֶן דֶעם אָרֶעמֶען שִׁימֶעלֶעס הַאנְד צוּ קוּשֶׁען. מִיט אַ בֶּעוֶועגְטֶער שְׁטִימֶע הָאט זִי נוּר אוֹיסְגֶערֶעדְט: טְהַייעֶרֶער רֶבִּי, אִיהר הָאט מִיט מִיר אַייעֶר תַּלְמִידְקֶע, אִיצְט פִיעל גֶעלֶערְנְט. אָ, וֶועלְכֶע טְהַייעֶרֶע גֶעשִׁיכְטֶען הָאט דִיא הֵיילִיגֶע גְמָרָא אוּנְז צוּ לֶעהְרֶנֶען וִוי גוּט אוּנ פְרוּם צוּ זַיין! וִוי בִּין אִיךְ מְקַנֵּא דִיא, וָואס לֶערְנֶען גְמָרָא אוּנ וֵוייסֶען וִוי אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע חֲכָמִים אוּנ תַּנָּאִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִיהְרְט! אִיךְ דַאנְק אַייךְ רֶבִּי, בֶּעלֵיידִיגְט מִיךְ נִיט אוּנ דַאנְקְט מִיר נִיט, אוֹיף עֶהרֶן וָוארְט זָאג אִיךְ אַייךְ, אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעטְהוּן אַזוֹי פִיעל וִויפִיעל דִיזֶע גֶעשִׁיכְטֶע אִיז פַאר מִיר וֶוערְטְה!

– הָאבּ קֵיין מוֹרָא נִיט, רָחֶל'ע, הָאט אִיהר שִׁמְעוֹן גֶעטְרֶעסְט, גֶעהם צוּ מַיין דַאנְק, אִיךְ וֶועל דִיר נָאךְ בְּרֶענְגֶען לֶעקֶעךְ אוֹיךְ פוּן תְּנָאִים, אָבֶּער פוּן דַיין שְׂכַר אִין גַן עֵדֶן, – נָאךְ הוּנְדֶערְט צְוַואנְצִיג יָאהר, – וֶועט דִיר נִיט זַיין צוּ לִיעבּ דֶעם גֶעמִינֶערְט, וָוארוּם נִיט צוּלִיעבּ מַיין דַאנְק הָאסְטוּ מִיר אוּנ מַיין אָרֶעם קִינְד גוֹמֵל חֶסֶד גֶעוֶועזֶן, אֲפִילוּ נִיט צוּלִיעבּ דֶעם לֶעקֶעךְ וָואס אִיךְ וֶועל דִיר בְּרֶענְגֶען!....

דִיא כַּלָּה הָאט אוֹיךְ פְרַיינְדְלִיךְ רָחֶלֶ'ען גֶעקוּשְׁט, אוּנ דִי מוּטֶער הָאט זִי בִּיז דֶער טְהִיר בֶּעגְלֵייט. אַז רָחֶל'ע אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאט שִׁימֶעלֶעס וַוייבּ גֶעזָאגְט:

– נָאט מָאג אַלֶע מַאמֶעס מִיט אַזאַ קִינְד בֶּענְשֶׁען! אוּנ דוּא מַיין מַאן, מוּזְט זֶעהן צוּ פֶערִיכְטֶען דַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע רֵייד, וָואס דוּא הָאסְט פַאר אִיהר מוּטֶער אוֹיף אִיהר אָנְגֶערֶעדְט!... דוּא וֶועסְט זִיךְ פַאר גָאט נִיט קָאנֶען אוֹיסְצָאהלֶען, דוּא הָאסְט אוּמְזִיסְט אוּמְגֶעשְׁטְ אוֹיף אִיהר אַ רְכִילוּת אָנְגֶערֶעדְט!

– אֶמֶת, אֶמֶת, אַ רְכִילוּת, אַ שֶׁקֶר מוּחְלְט הָאבּ אִיךְ אוֹיף אִיהר אוֹיסְגֶעטְרַאכְט! הָאט עֶר זִיךְ מִתְוַדֶּה גֶעוֶועזֶן אוּנ זִיךְ אַ שְׁטַארְקֶען קְלַאפּ גֶעטְהוּן מִיט זַיין פוֹיסְט אִין

הַארְצֶען. צְדָקָה מְסֵנִי, זִי אִיז גֶערֶעכְטֶער פַאר מִיר, זִיא אִיז מִיר מוֹחֵל. נָאט אִין הִימֶעל זָאל מַיין חֲרָטָה זֶעהן אוּנ עֶר זָאל מִיר אוֹיךְ מוֹחֵל זַיין!

ח.

חָאטְשׁ שִׁמְעוֹן הָאט חֲרָטָה גֶעהַאט אוֹיף דִי רְכִילוּת וָואס עֶר הָאט פַאר הַייעֶלֶען אוֹיף רָחֶל׳ען אָנְגֶערֶעדְט, הָאט עֶר זַיין אוּנְרֶעכְט גֶעפִיהלְט נוּר אִין דֶעם מָאמֶענְט וָואס עֶר אִיז רָחֶל׳ען דַאנְקְבַּאר גֶעוֶועזֶען פַאר אִיהר חֶסֶד, קוֹים אִיז עֶר אוֹיף תְּנָאִים אַוֶועק, דֶערְזֶעהן זַיין נַייֶע גְדוּלָה, ווִי אַלֶע הָאבֶּען אִיהם פַאר אַ מְחוּתָּן צוּגֶענוּמֶען אוּנ עֶר הָאט אַ כּוֹס׳ע גֶעמַאכְט, הָאט דִיא הַייסֶע מַשְׁקֶה אִין אִיהם צוּרִיק אָבְּגֶעקִיהלְט דָאס וַוארִימֶע מֶענְשְׁלִיכֶע גֶעפִיהל וָואס הָאט אִיהם מִיט אַ שָׁעָה פְרִיהֶער צוּנוּמֶען, אוּנ הָאט רָחֶל׳ען פֶערְגֶעסֶען אוּנ זַיין אוּנְרֶעכְט מֶעהר נִיט דֶערְמָאנְט.. אוֹיף מָארְגֶען נָאךְ דִי תְּנָאִים הָאט עֶר — מִיט דֶעם כֹּחַ פוּנ׳ם הַצְלָחָה בְּרִיוֶועלֶע — אוֹיסְגֶעפִיהרְט נָאךְ אַ שִׁדוּךְ אוּנ גֶעחַאפְּט עֶטְלִיכֶע רוּבֶּעל שַׁדְכָנוּת, אוּנ אַזוֹ אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער מַתְחִיל אֶל חָיִל אוּנ דֶער עוֹלָם הָאט אַיינְגֶעזֶעהן בְּחוּשׁ אַז דֶעם רֶבִּינ׳ס בְּרָכָה וֶוערְט אוֹיף אִיהם מְקוּיָם וָואס וַוייטֶער אַלְץ מֶעהר.

נִיט פֶערְגֶעסֶען שִׁימֶעלֶעס רְכִילוּת הָאט אָבֶּער חַייֶעלֶע, אִיהר הֶערְץ הָאט גֶעקָאכְט אוּנ גֶעזִידְט, אִיהר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט חָאטְשׁ נוּט נוּט אָנְשֶׁעלְטֶען רָחֶלֶען פַאר דֶער עַוְלָה וָואס זִיא הָאט דִיא קִינְדֶער אָנְגֶערֶעדְט צוּ שֶׁעלְטֶען ר׳ פִּנְחָס׳לֶען, אִיהר טְהַייֶערן ר׳ פִּנְחָס׳לֶען, וָואס הָאט אִיהר הֶערְץ מִיט אַזוֹי פִיעל כָּבוֹד בֶּעגְלִיקְט אוּנ מִיט אַזוֹי פִיעל הָאפְנוּנְג אוֹיף נָאךְ גְרֶעסֶערן כָּבוֹד דֶערְפְרֶעהט. אִיהר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט וַוייזֶען דֶעם נַארִישׁ קִינְד, וִויא שְׁלֶעכְט, וִויא זִינְדִיג עֶס אִיז אוּנ וַוייזֶען טַאקִי אַז זִיא, חַייֶעלֶע הָאט פַאר קֵיינֶעם קֵיין מוֹרָא נִיט אוּנ וֶועט טְהוּן וָואס אִיהר גֶעפֶאלְט — וִויפִיעל מָאל הָאט זִיא אִיהר זִי שׁוֹין צוּגֶערוּפֶען צוּ זִיךְ מִיט אַ שְׁטְרֶענְגֶען קוֹל, וִויפִיעל מָאל זֶענֶען שׁוֹין אִיהרֶע קְלָלוֹת אוֹיף אִיהר שְׁפִּיטְץ צוּנְג גְרֵייט גֶעוֶועזֶן, אָט אָט זִיא רֶעכֶענְט זִיךְ שׁוֹין אָב מִיט אִיהר אוֹיף קְלָאר, נוּר קוֹים אִיז רָחֶלֶע צוּ אִיהר צוּגֶעגַאנְגֶען, אִיהרֶע שֶׁאנֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אִיהר בְּלִיק הָאט זִיךְ מִיט דֶער מוּטֶערְס צָארְנִיגֶען בְּלִיק בֶּעגֶעגֶענְד, הָאט חַייֶעלֶע אִיהר מוּטְה פֶערְלָארֶן, אִיהרֶע קְלָלוֹת הָאבֶּען זִיךְ פֶערְפְלוּנְטֶערְט אוּנ דִי צוּנְג אִיז שְׁטוּם גֶעוָוארֶן אוּנ נִיט דִי זִינְדִיגֶע רָחֶל׳ע נוּר זִי, חַייֶעלֶע. דִי גֶערֶעכְטֶע, אִיז ווִי דִי פֶערְבְּרֶעכֶערִין גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶעם גֶערִיכְט פוּן דַיָּן.

הָאט אֶפְשָׁר חַייֶעלֶע אִין דֶער נָאהֶענְטְקֵייט פוּן רָחֶל׳ען גֶעפִיהלְט אוּנ דֶערְקֶענְט דִי אוּנְרֶעכְט אִיהרֶע, וָואס זִיא אִיז אַזוֹי גִיךְ אַ כַּלָּה גֶעוָוארֶן? נֵיין. צוּ פָאל אִיז אִיהר הַארְץ גֶעוֶוען מִיט כָּבוֹד אוּנ גַאֲוָה, זַייט דֶעם זִי אִיז אַלְס כַּלָּה צוּרִיק אַהֵיים גֶעקוּמֶען, אִין אִיהר אִיז גָאר קֵיין לֶעדִיג אָרְט נִיט גֶעבְּלִיבֶּען, וואוּ אַ גֶעדַאנְק פוּן בֶּעקֶענְנוּנְג אוּנ גֶעוִויסֶענְסְבִּיסֶען זָאל זִיךְ קָאנֶען אַרַיינְנַנְבֶּ׳ן אִין אִיהר — אָבֶּער עֶס זֶענֶען דָא אוּנְגֶערֶעקְלָארְלִיכֶע כֹּחוֹת אִין מֶענְשֶׁענְס זֶעעֶלֶע וָואס מַאכֶען גָאר אָהן גֶעוֶועהר אוּנ אָהן וָוארְטֶער דֶעם גִבּוֹר שְׁוַואךְ.. עֶר פֶערְלִירְט זַיין גְבוּרָה, אוּנ וֵויים נִיט נוִי. עֶר הָארְט אוֹיף אִין כַּעַס צוּ זַיין אוּנ וֵויים נִיט פַאר וָואס...

אַזאַ כּחַ הָאט – נַאנְץ אוּנְבֶּעוואוּסְט – רָחֵלֶ'ע אִין זִיךְ גֶעהַאט אוּנ דָאס הָאט זִי נִיט אֵיינְמָאל גֶעשְׁטִיצְט אוּנ פֶערְהִיט פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶע מַחֲשָׁבָה וָואס יֶעמַאנְד הָאט אוֹיף אִיהר גֶעטְרַאכְט ...עֶטְוָואס הֵיילִינֶעס, גָאטְלִיכֶעס אִיז אִין אִיהרֶע שֶׁאנֶע אוֹינֶען גֶעוֶועזֶן אוּנ זֶעלְבְּסְט דִי מוּטֶער אִיהרֶע הָאט נִיט גֶעקֶאנְט בֶּעגְרַייפֶען, פַאר וָואס וִוירְקֶען אַזוֹי גֶעוַואלְטִינ דִיזֶע אוֹינֶען אוֹיף אִיהר אוּנ זִיא קָאן אִיהר אַ שְׁלֶעכְט וָוארְט נִיט זָאגֶען זֶעלְבְּסְט דַאן וֶוען זִי הָאט, נָאךְ אִיהר מֵיינוּנְג, כָּשֵׁר פֶערְדִינְט? דֶער לִיכְטִינֶער שְׁטְרַאהל פוּן רֵיינֶער אוּנְשׁוּלְד דְרִינְגְט נָאר גִיט גֶעצִיעלְט אִין דֶעם שׁוּלְדִינֶענְם הֶערְצֶען אַרַיין אוּנ מַאכְט דָארְט לִיכְטִינ אוֹיף אַ וַויילֶע חָאטְשׁ, יֶענֶער זָאל זַיין אֵיינֶענֶע פִינְסְטֶערְנִישׁ דֶערְזֶעהְן. אוּנ חָאטְשׁ חַייֶעלֶ'ע הָאט אִיהר שׁוּלְדִינְקֵייט נָאךְ אַלְץ נִיט אַיינְגֶעזֶעהְן, אָבֶּער אִיהרֶע פָארְגֶענוּמֶענֶע שְׁלֶעכְטְס הָאט גֶעמוּזְט עֶנְטְלוֹיפֶען פוּן דֶער גוּטְסְקֵייט וָואס אִין רָחֵלֶ'עס קוּק אִיז גֶעוֶועזֶן, וִוי עֶס עֶנְטְלוֹיפֶען פִינְסְטֶערְנִישׁ אוּנ שָׁאטֶען, וֶוען דִיא זוּנְן שַׁיינְט אַרוֹים.

אִין נָאהֶענְטֶען, אוּנְטֶער פִיער אוֹינֶען, וִוי מֶען זָאנְט, הָאט חַייֶעלֶ'ע אִיהר כַּעַס גִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְלָאזֶען אוֹיף אִיהר קִינְד, דֶערְפַאר הָאט זִיא אִיהר דֶעם כַּעַס אוּנ אוּנְצוּפְרִידֶענְהֵייט גֶעלָאזְט מֶערְקֶען פוּן אַ זַייט, הִינְטֶען אַרוּם: „זָאל זִי וִויסֶען, אַז אִיךְ הָאבּ פַאר אִיהר קֵיין מוֹרָא נִיט" זִיא הָאט עֶטְלִיכֶע מָאל דִיא קִינְדֶער אוֹיף אַ שְׁטְרֶענְגֶען דַאפְרָאס גֶענוּמֶען, מִיט גוּטֶען אוּנ מִיט בֶּאזֶען זַיי גֶעהֵייסֶען עֶרְצֶאהלֶן אַלְץ וָואס רָחֵלֶ'ע רֶעדְט מִיט זֵייא, זִיא הָאט אוֹיךְ אִיהרֶע הֶאנְדְט אוּנ רִיטֶער נִיט אוֹיסְגֶענְגֶעלָאזֶען נוּר אֵיין קְלָלָה חָאטְשׁ פוּן זֵיי אַרוֹיסְבֶּעקוּמֶען וָואס רָחֵלֶ'ע הָאט זֵייא גֶעלֶערְנְט, אָבֶּער אוּמְזִיסְט, דִי קִינְדֶער הָאבֶּען גִיט גֶעוואוּסְט וָואס וִויל דִיא מוּטֶער, גִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ אֶנְטְפֶערְן, זֵיי הָאבֶּען נוּר גֶעוֵויינְט אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַנְגְסְט אוּנ עֶנְטְלָאפֶען צוּ רָחֵלֶ'ען, זִיךְ צוּגֶעטוּלֶעט צוּ אִיהר אוּנ אָפְּט אִיהרֶע הֶאנְד מִיט זֵייעֶרֶע רֵיינֶע טְהרֶערֶעלֶעךְ בֶּעגָאסֶען.

רָחֵלֶ'ע הָאט קֵיין אוּרְזַאכֶע גֶעהַאט צוּ קְלֶארְן, אַז דִי קִינְדֶער לַיידֶען אִיצְט גֶעבִּיךְ צוּ לִיעבּ אִיהר אוּנ פְלֶעגְט רֶעכֶענֶען: מִסְתָּמָא הָאבֶּען זֵיי עֶפִּים פֶערְזִינְדִינְט, דִי מוּטֶער וֶועט זֵיי דָאךְ נִיט פַּיינִינֶען גְלַאט אַזוֹי, אוּנ זִי פְלֶעגְט דִי קִינְדֶער עֶרְקְלֶערְן מִיט נוּטֶע רֵייד אַז מֶען טָאהר אוֹיף אַ מַאמֶען גִיט אִין כַּעַס זַיין אוּנ זֵיי שִׁיקֶען אַ קוּשׁ טְהוּן דֶער מַאמֶעס הַאנְד פַאר אִיהרֶע שְׁמִיטְץ. דִי אוּנְשׁוּלְדִינֶע קִינְדֶער פְלֶעגֶען עֶס טְהוּן מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער אַנְגְסְט; אִיהר הַארְץ אָבֶּער הָאט שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעלִיטֶען, וָוארוּם זִיא הָאט גֶעזֶעהְן וִוי פְרֶעמְד דִיזֶע קִינְדֶער וֶוערֶן שׁוֹין בֶּעצַייטֶענְס צוּ דֶער מוּטֶער. דֶענְנָאךְ הָאט זִיא זֶעלְבְּסְט חַייֶעלֶעו נוּר צֶארְטְלִיכְקֵייט אוּנ צוּפְרִידֶענְהֵייט גֶעוִויזֶען בַּייא יֶעדֶער גֶעלֶעגֶענְהֵייט. בִּיז חַייֶעלֶ'ע הָאט אִיהר כַּעַס פֶערְגֶעסְן אוּנ אַלְץ אִיז זִיךְ צוּרִיק גֶעגַאנְגֶען וִוי פְרִיהֶער.

אַזוֹי זֶענֶען אַרִיבֶּער עֶטְלִיכֶע וָואכֶען בִּיז נָאךְ שָׁבוּעוֹת, פוּן משֶׁהלֶ'ען הָאט זִי אִין דֶער גַאנְצֶער צַייט אֵיין בְּרִיוֶועלֶע עֶרְהַאלְטֶען, אוּנ אוֹיךְ זֶעהר קוּרְץ, עֶר הָאט אִיהר נוּר גֶעשְׁרִיבֶּען אַז אִין גִיכֶען וֶועט עֶר אַ עֶקְזַאמֶען הָאבֶּען, עֶר לֶערְנְט אִיצְט זֶעהר פִּיעל, אוּנ הָאט זֶעהר גֶעבֶּעטֶען זִי זָאל אִיהם אָפְטֶער שְׁרַייבֶּען אוּנ אוֹיסְשְׁרַייבֶּען אִיהר לֶעבֶּען, אִיהר הֶערְץ אוּנ גֶעפִיהל אִין גַאנְצֶען, וַוייל אִיהרֶע בְּרִיוֶועלֶעךְ זֶענֶען פַאר

איהם ניט געוואהנליכע ליעבעס בריוועלעך פון אַ כּלה צו אַ געליבטען חתן. אָבער אַ בּוּך פוּן וועלכען ער לערנט אַ מענשענס הערץ ערקענען. אַ הערץ אַ אידעלעס וואס איז ווערטה זיך צו צוקוקען צו איהם. יעדעס בריוועלע איהרס איז איהם אַ נייע לעקציע זי בעסער צו ערקענען און איהרע געדאַנקען מעהר צו בעוואונדערן. זי האט איהם געפאַלענט און ווירקליך אָנגעהויבען שרייבען ווען נור זיא האט צייט געהאַט. אין איין בריוועל האָט זי איהם פאָלגענדעס געשריבען:

"ליבער משה׳לע!

"איך בעט דיך, לאַך ניט פון מיין שרייבען און פון מיינע געדאַנקען. דוא שרייבסט מיר: פון מיינע בריוועלעך ערקענסטו מיין הערץ בעסער. אַדרבּה, ערקען מיך ווי איך בין, ווי איך טראַכט און לערן מיך בעסער טראַכטען, און בעסער ווערן, אַלס איך בין איצט!... גלויב מיר, איך האָב אויפגעהאָרט זיך זעלבּסט צו געפעהלען: איך בין אַ שלעכטע זינדיגע טאָכטער געוואָרן נעגען מיין מוטער! — ניט מיט דעם וואס איך ט״ו חלילה נעגען איהר, אָבער נור מיט דעם — וואס אין הערצען ביי מיר, טראַכט זיך, נעגען מיין איינענעם ווילען, ניט אַזוי ווי דאס זעלבע הערץ פלעגט אַ מאָל פון איהר טראַכטען...

פאַר דיר אַליין עפען איך דיזעס הערץ און וויא וויל איך דוא זאָלסט מיר ערקלערן צו בין איך זינדיג צו ניט? — בין איך זינדיג — בעט איך דיך משה׳לע, שאָנע מיך ניט, נור לעהרן מיר ווי בעסער צו זיין, און ווי בעסער טראַכטען צו קאָנען!...

מיין ליעבע מוטער איז אַ כּלה געוואָרן מיט ר׳ פּנחס׳ל דעם רבּינ׳ס גבּאי. לייט זאָגען: ער איז אַ יוד אַ צדיק, אַ חכם איינער אין דער מדינה. זיי זאָגען, אַז חייעלע, מיין מוטער, מוז אַ גרויסען זכות האָבען אַזוי ערהויבען צו ווערן, וואס קיינער האָט זיך גאָר ניט געקאָנט ריכטען אויף אַזא גדולה.

אַז איך האָר דיזע שבחים — חאָטש די וואס זאָגען זיי מיינען דערמיט מיך מעהר צו טרייסטען אַלס צו קרענקען. פיהלט מיין הערץ כּאָן דאס זעלבע, וואס עס וואָלט פיהלען, ווען די איינענע מענשען וואָלטען זאָגען: ״ר׳ פּנחס׳ל איז מעהר לייט פאַר דיין פאָטער, דוא דאַרפסט דיך איצט מיתּס זיין מיט זיין גרויסען כּבוד און גדולה מעהר אַלס מיט דעם קליינעם כּבוד פון דיין פאָטער!...״ איך קאָן מיט דיא מענשען ניט רעדען און ניט קריגען זיך מיט זיי, אָבער דיר זאָג איך: ווען ר׳ פּנחס׳ל זאָל נאָך הונדערט מאָל גרעסער און בעסער זיין אַלס ער איז, מיין פאָטער וואַר געווים בעסער און ביי גאָט ליעבער און טהייערער אַלס ער! זיין עהרע וועט מיין יחוס זיין און בלייבען ווי לאַנג איך וועל לעבען, ר׳ פּנחס׳לס טרייהייט און זאָרג וויל איך ניט, און גאָט זאָל מיך אָבּהיטען צו איהם אָנצוקומען!....

מיינע מוטער, משה׳לע, פיהלט ניט אַזוי, ניט גענוג וואס זי אַליין האָט דעם ליעבען פאָטער פערגעסען, פערלאַנגט זי אָבער דאס מיר, זיינע קינדער — זאָלען איהם אויך ניט דערמאָנען... זי זאָגט און שוואַרט אָפּט, אַז נור צו ליעב דעם, זיא זאָל אונז, איהרע יתומים, קאָנען גוטס טהון, האָט זי דעם רבּינ׳ס רצון נאָכגעגעבען און איינגעווילינט ר׳ פּנחס׳לס כּלה צו ווערן, פאַר וואס זאָל איך איהר עס ניט גלויבען? איז דען דאָ אַ מוטער אין גאַנצער וועלט, וואס וויל ניט איהרע קינדער

גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען ? אִיךְ קֶען מוּטֶערְס. וָועלְכֶע אָפְּפֶערן זִיךְ פַאר זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּנ טְהוּעֶן אַמָאל אַזוֹינְס וָואס זֵיי וָואלְטֶען עֶס פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט נִיט גֶעטְהוּן. פַאר וָואס מֹשֶׁהלֶע, זָאל אִיךְ נִיט גְלוֹיבֶּען, אַז מַיין מוּטֶער מֵיינְט מִיט דֶעם וִוירְקְלִיךְ נוּר אוּנְז גוּטְס צוּ טְהוּן ?

אִיךְ גִיבּ מִיר מִיה צוּ גְלוֹיבֶּען אַזוֹי. אוּנ מִיר גֶעלִינְגְט אָפְּט; דַאן וִויל אִיךְ אוֹיף אִיהְר הַאלְז פַאלֶען מִיט טְרֶערֶן אוּנ מִיט קוּשֶׁען זִיא מְחִילָה בֶּעטֶען פַאר מַיינֶע זִינְדִיגֶע גֶעדַאנְקֶען, קוֹים אָבֶּער קוּם אִיךְ צוּ צוּ אִיהְר אוּנ זִיא הֵייבְּט אָן מִיר צוּ עֶרְצֶעהלֶען פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען כָּבוֹד אוּנ גְדוּלָה וָואס זִי הָאט שׁוֹין גֶעהַאט אוּנ הָאפְּט נָאךְ צוּ הָאבֶּען אִין רֶבִּינ'ס הוֹיף, וִוי עֶר, ר' פִּנְחָס'ל אִיז דָארְט מֶעהְר תַּקִיף בַּיי דִיא חֲסִידִים וִוי דֶעם רֶבִּינ'ס קִינְדֶער אֲפִילוּ. וִוי אַלֶע וֶועלן מוּזֶען אִיהְר דֵעה אָנֶנֶעהמֶען; דַאן דַאכְט מִיר, פִיהל אִיךְ אַקַאלְטֶען ווינְד וָואס בְּלָאזְט פוּן מַיין מוּטֶערְס הֶערְץ אִין מַיין הֶערְצֶען אַריין, מַיינֶע טְרַייעֶ אוּנ וַוארֶעמֶע קִינְדֶערְפְּפְלִיכְט אִין מִיר אָבְּצוּקִיהלֶען, — אוּנ דִי טְרַייעֶ וָוארְטֶער, וָועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אִין דֶער מִינוּט גֶעוָואלְט אִיהר זָאגֶען פַאלֶען צוּרִיק פוּן מַיין צוּנְג אִין מַיין הֶערְצֶען אַריין אוּנ דָארְט פְּרֶעסֶען זֵיי מַיין בְּרוּסְט וִוי שְׁטֵיינֶער שְׁוֶוערֶע, אִיךְ קָאן קֵיין צֶארְטְלִיךְ וָוארְט אוֹיסְרֶעדֶען אוּנ בְּלַייבּ אַ שְׁלֶעכְט קִינְד, אַ אוּנְגֶעטְרַייעֶ טָאכְטֶער צוּ מַיין טְרַייעֶ לִיעבֶּער מוּטֶער ! .....

צוּ אוּנְז קוּמְט נָאךְ אָן דִי רוּסִישֶׁע צֵייטוּנְג, דִיזֶעלְבֶּע וָועלְכֶע דוּ פְלֶעגְסְט מִיט מִיר לֶעזֶען. וֶוען אִיךְ לֶעז דִי צַייטוּנְג ווילְט זִיךְ מִיר אָפְּט דוּ זָאלְסְט דָא גֶעבֶּען מִיר זַיין אוּנ מִיר ווידֶער עֶרְקְלֶארֶן פִיעל זַאכֶען וָואס אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה נִיט אִין זֵיי, חָאטְשׁ אִיךְ לֶעז אִיבֶּער צוּ עֶטְלִיכֶע מָאל. נִיט לַאנְג הָאבֶּען דִי צַייטוּנְג עֶרְצֶעהלְט פוּן אַ גֶעוִויסֶען דָאקְטָאר פֶעלְדְמַאן וָועלְכֶער קָאן מִיט זַיין קוּק, אָדֶער מִיט זַיין הַאנְד אַ שְׁלָאף אַרוֹיפְוַוארְפֶען אוֹיף אַ מֶענְשֶׁען, אוּנ דֶער שְׁלָאפֶענְדֶער מוּז אַלְץ טְהוּן וָואס נוּר פֶעלְדְמַאן הֵייסְט אִיהם. מֶען שְׁרַייבְּט: עֶר קָאן מַאכֶען אַז דֶערְזֶעלְבֶּער אוֹיבּ עֶר אִיז קְרַאנְק — זָאל אַלֶע זַיינֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען פֶערְגֶעסֶען, עֶר שְׁטֶעכְט דוּרְךְ אַ נָאדֶעל דוּרְךְ דֶעם קְרַאנְקֶענְס פְלֵיישׁ אוּנ דִיזֶער פִיהלְט נִיט, עֶר הֵייסְט אוֹיךְ אַ אַלְטֶען מַאן גְלוֹיבֶּען אַז עֶר אִיז נָאךְ אַ קְלֵיין קִינְד, אוּנ דֶער אַלְטֶער פֶערְגֶעסְט אַז עֶר אִיז אַלְט; עֶר גִיט אִיהם אַ שְׁטֶעקֶען, שְׁרַייבְּט מֶען, אוּנ הֵייסְט אִיהם רַייטֶען וִויא אוֹיף אַ פֶערְד, אוּנ דֶער אַלְטֶער מֵיינְט וִוירְקְלִיךְ אַז דָאס אִיז אַ פֶערְד אוּנ רַייט דַארוֹיף מִיט אַלֶע בֶּעוֶועגוּנְגֶען וִוי מֶען רַייט אוֹיף אַ ווירְקְלִיכֶען פֶערְד, מִיט אֵיינֶעם וָוארְטֶע, אִיךְ לֶעזֶע אִיצְט גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער פוּן דֶעם וואוּנְדֶערְלִיכֶען פֶעלְדְמַאן. אִיךְ וֵויים נִיט רִיכְטִיג, אוֹיבּ אַלְץ וָואס מֶען שְׁרַייבְּט וֶועגֶען דֶעם אִיז אֱמֶת, מִיר ווילְט זִיךְ גְלוֹיבֶּען. בֶּעטְרַאכְטֶענְדִיג יֶעטְצְט וִוי דִי לִיעבֶּע מוּטֶער אִיז גֶעוָוארן צוּ מִיר אוּנ צוּ אִיהְרֶע קְלֵיינֶע, נָאךְ נָאר אוּנְשׁוּלְדִיגֶע יְתוֹמִים'לֶעךְ זַייט דֶעם זִי אִיז אַלְּם ר' פִּנְחָס'לס כַּלָּה פוּן רֶבִּינ'ס הוֹיף גֶעקוּמֶען, דֶערְמָאנְט זִיךְ מִיר נִיט וֶועלֶענְדִיג דִי וואוּנְדֶער פוּן דֶעם פֶעלְדְמַאן. זָאג דוּ מִיר, מֹשֶׁהלֶע, וִוי קָאן אַ מוּטֶער פְּלוּצְלוּנְג קַאלְט וֶוערן צוּ אִיהְרֶע קִינְדֶער וָועלְכֶע לִיעבֶּען זִי וִוי אַלֶע מָאל ? ווִיא קָאן אַ פְרוֹי אַזוֹי גִיךְ פֶערְגֶעסֶן אִיהר טְרַייעֶן לִיעבֶּען מַאן וָועלְכֶער אִיז עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג גֶעשְׁטָארְבֶּען ?

זָאג זִיךְ דִיר וָואס דוּא ווילְסְט, אִיךְ גְלוֹיבּ, אַז דָארְט בַּיים רֶבִּי'ן אִין הוֹיף הָאט

עפּיס וואס גלייך איז דערצו מיט מיינער מוטער געטראָפען: אָהן איהר איינענעם ווילען געווים, האט מען אויף איהר א שלאף ארויפגעוואָרפען. איהר געהייסען פערגעסען איהר ערשט געשטאָרבענעם מאן, איהר שטרענג פערזאָגט, זי זאָל זעלבסט איהרע נאָך לעבעדיגע יתומים ניט דערמאָנען, מען האט איהר א ר׳ פנחסלען בעוויזען אונ איהר געהייסען גלויבען, אז ער איז שאנער, בעסער אונ ליעבער אלס דער, נאָך חעמען זי קלאָגט... יא, יא, דאס וואר נאָך פאר זיי וועניג האבען זיי איהר איינגערעדט, אז זי איז נאָך א יונג קינד אונ זיא מאג נאָך מיט קינדער אין לאַיקעס שפּילען... דער זייט זי איז פון דארט געקומען פערברענגט זיא געלד אונ צייט אויף ניט נויטהיגע קליידער אונ צירונג, אויף חסידים וואס עסען אונ טרינקען ביי איהר, אויף מתנות דעם רבינ׳ס שניר אונ טאכטער. איהר לאַלקע איז: דער ניכטס ווערטהער כבוד וואס חסידים אונ שכורים זאגען: ,מיינעלע איז א לייטישע אשה, זי איז ווערטה ר׳ פנחס׳לס ווייב צו ווערן!

גוט, משה׳לע, וואס איך ערקלער מיר אזוי, וויים גאט וועלכע שלעכטע געדאנקען עס וואלטען זאנסט מיין הערץ פיינינגען. איצט אָבער, אז איך טראכט אזוי, איז דיא מוטער מיינע אונשולדיג. מענשען וואס האבען אזא קראפט איינצו-שלעפערן אונזער פערשטאנד, אונז איינצורעדען אזעלכע זאכען וואס נוטצען צו זייער פלאן, האבען אויף איהר געווירקט אונ זי טהוט איצט אלץ וואס זי טהוט ניט מיט איהר איינענעם ווילען, אָבער מיט דער מאכט פון רבינ׳ס הויף אונ זיא וויים זעלבסט ניט וואס זיא טהוט. איך האב מיטלייד מיט איהר, איך זעה זיא שלאפט אונ חלומט פילייכט א שווערן חלום, איך בין אָבער איהר קינד, אונ מען האט מיך געלערנט א מאל: מען טאהר א מוטער ניט אויפוועקען ווען זי שלאפט.....

אָ, איך קאן נור גאט בעטען, דיזער שלאף זאל זיך ניך ענדיגען, אונזער מוטערס הערץ זאל צוריק ערוואכען פאר איהרע עלענדע יתומים׳לעך... דאס דיזעס הערץ וועט א מאל ערוואכען אונ צוריק אוועק געגעבען ווערן וועמען עס געהאר, בין איך אזוי זיכער, ווי זיכער איך בין, דאס נאָך נאכט מוז ווידער טאג ווערן, אָבער נור גאט וויים וויא לאנג דיזע נאכט וועט זיך נאָך ציהען אונ וואס וועט אין דער פינסטערער צייט מיט אונז געשעהן? וויפיעל טאג אונ טייכען, וואסערן אונ צייטען וועלען ביז איהר ערוואכען אריבערגעהן, אוועקשווימען, אונ וואס וועלען דיזע טאג אונ טייכען מיט זיך אוועקטראגען דארט אהין פון וואנען זיי קומען שוין נים קיינמאל צוריק?...

זאג מיר, משה׳לע, דו פערשטעהסט דאך דאס בעסער פאר מיר, איז דאס מאקי אלץ אמת וואס דיא צייטונגען ערצאהלען פון דער וואונדערליכער איינ-שלעפערנדע קראפט וואס מאנכע האבען אין זיך?

איך גלויב אין דעם אונ איך מוז גלויבען, ווייל איך וויים נאָך זעהר וועניג וואס עס טהוט זיך מיט אונזער הערץ, מיט אונזער זעעלע אדער נשמה, וואס זיצט אין אונז. בעת דער ליעבער זעליגער פאטער איז אוועקגעפאהרן, גלויב עס מיר, האט מיין הערץ געפיהלט אזא אנגסט, וואס איך האב ניט געוואוסט, ווי זיך צו ערקלערן, איך האב מעהר ווי אלע מאל נאך איהם געבאנגט, צייטענווייז פלעג איך

אויך וויינען, אונ פלעג זיך פרעגען: וואס וויין איך? אונ צו וויינען פון דעסטעוועגען ניט אויפהערן. משהלע, האט דען מיין הערץ דאמאלס ניט געוואוסט, דאס דער ליבער פאטער וועט ניט צוריק קומען? איך גלויב: דאס הערץ, אדער די זעעלע מיינע האט געפיהלט אונ געוואוסט, נור איך זינדיגע האב די שפראכע דער זעעלע ניט פערשטאנען אונ האב ניט געוואוסט וועלכע שלעכטע בשורה זיא זאגט מיר אן. יעטצט פיהלט דאס הערץ, נעגען מיין ווילען, איינע דריקענדע קאלטקייט אונ פרעמדקייט צו מיינער מוטער, האטש זי האט מיר נאך קיין שלעכטס ניט געטהון, זעלבסט מיט א שלעכט ווארט ניט בעליידיגט אונ איך פרעג מיך אפט: וואס וויל מיין הערץ פון מיין מוטער? בין איך דען באמת אזוי שלעכט דער ליבער מוטער איהר גליק ניט צו פערגינען? ניין! איך פערגין איהר אלע גליקען פון דער וועלט, אונ דענאך רוהט דאס הערץ מיינס ניט אין מיר!... ניט אנדערש, דאס הערץ מיינס מוז פיהלען, דאס דער מוטערס הערץ איז איהם ניט אזוי ווארעם, ניט אזוי טריי וויא פריהער דאריבער איז עס אזוי אונרוהיג, אזוי אונצופרידען...

דו וועסט זאגען: מיין פערשטאנד האט דא שולד אונ ניט דאס הערץ, אונ וועסט מיר ערקלערן: ווייל איך ווייס דאס דער מוטערס הערץ איז יעטצט פערנומען מיט ליעבע צו דעם כבוד פון רבינ'ס הויף, אונ אפשר מיט פרויען ליעבע צו ר' פנחסלען, אונ איין ארט אייפערזוכט פייניגט מיך, מיך פערדריסט וואס מיין געליבטער פאטער איז פון איהר אזוי גיך פערגעסען געווארן; אבער מיט וואס וועסטו מיר ערקלארן, וואס זעלבסט די קליינע קינדער, וועלכע האבען נאך קיין בעגריף ניט פון דער אונרעכט וואס אונזער מוטער טהוט אונז, ווי קומט עס, אז דיזע אונשולדיגע קינדער בעפרעמדען זיך פון איהר איצט, שאמען זיך כמעט פאר איהר, ענטלויפען פון איהרע קושען אונ פראהען זיך ניט מעהר מיט איהרע מתנות? אונ וואס מעהר זיי דערנייטערן זיך פון איהר דאס נאהענטער קלעבען זיי זיך צו מיר. זיי קושען מיינע האנד אפט מיט שטומע טרערען אונ איך מוז מיינע טהרערן פון זיי בעהאלטען אום מיט מיין וויינען זיי ניט נאך מעהר צו בעאנגסטיגען?

יא, משהלע, דעם מענשענס הערץ, אדער זעעלע אין איהם האט איין איינען צארט געפיהל אונ ווייס פריהער פאר אונזער פערשטאנד, פאר וואס זשע זאל איך ניט גלויבען אז עס גיבט אזא זעעלען קראפט וואס קאן דעם צווייטענס פערשטאנד איינשלאפערן ער זאל מעהר ניט האבען א איינענעם ווילען נור ער זאל אלץ טהון וואס יענעם געפאללט?...

אז איך וואלט אט דיזע מענשען זעהן, וואלט איך ביי זיי בעטען: זיי זאלען אלע אונגליקליכע איינרעדען, דאס זיי זענען גליקליך, אלע אונצופרידענע — צופרידען זיך פיהלען, א, איך וואלט פאר זיך נור בעטען: דאס זינדיגע אונ פיינליכע געפיהל פון מיר ארויס טרייבען וואס מיין הערץ פיהלט יעטצט נעגען מיין מוטער... זאג ניט, אז דאס איז א ליגען, איך זעה דיזע מענשען אפט פאר מיינע אויגען, אונ נאך מעהר צו בעוואונדערן איז, דאס זייערס א ווארט ווירקט ניט נור אויף איינעם אבער אויף גאנצע טויזענדער מענשען, זעלבסט פון ווייטען פערלירט זייער ווארט ניט זיין כח ניט אונ טהוט וואס זיי ווילען!....

יז געדענקסט דאך משה'לע, דעם קינדערשען מלמד, דאס ארעם און עלענד יודעלע שימעלע קבצן, אדער שימעלע פלוט ווי מען האט איהם ביז איצט גענענט. דיזער שימעלע האט איינגעפיהרט דעם שדוך פאר ר' פנחס'לען מיט מיין מוטער. מען זאגט, אז דער רבי זאל לעבען איז מיט דעם זעהר צופרידען געוועזען און האט דער־פאר שימעלען געבענשט: ער זאל זיין א מוצלח אין אלע שדוכים וואס ער וועט דער שדכן זיין, און ווייסטו ווי דיזע ברכה איז אן איהם מקוים געווארן? ביי אונז וועט שוין באלד קיינער אהן א חתן אדער אהן א כלה ניט בלייבען. ער דארף נור אריינגעהן פארלעגען עפיס א שדוך און מען מאג שוין זיכער זיין עס וועט אויך באלד א תנאים ווערן, זעלבסט זיין אייגען קינד האט ער גליקליך פערשדכנט; קיין משוגענער אפילו וואלט ניט געוואגט צו קומען צו א יוד א נגיד חאטש א אלמן, א בעל משפחה ווי ר' הערש לייבעלעס, און איהם פארלעגען הופה צו האבען מיט ר' שימעלעס טאכטער, וואס האט אפילו קיין גאנצע שיך ניט געהאט אויף איהרע פיס; איהר פאטער שימעלע, פערזיכערט מיט דעם רבינ'ס ברכה, אז ער איז א מוצלח, האט דאס געוואגט און האט ווירקליך מצליח געוועזען. מען זאגט, אז ר' הערש לייבעלעס שאצט זיך גאר גליקליך מיט דעם שדוך. איך זעלבסט בין האכטמס צופרידען וואס דאס ארעם מאדעל וועט מעהר ניט אזוי פיעל ליידען דארפען ווי ביז איצט. נור מיר איז נאך אלץ א פראגע: האט ווירקליך דעם רבינ'ס ברכה געווירקט, ווייל א ברכה פון אזא צדיק מוז מקוים ווערן, אדער די אמונה פון זיינע חסידים אין איהם האט געווירקט אויף דער ברכה, זיא זאל ניט בלייבען א פוסט ווארט ארויסגערעדט, וויא ערגעץ א ברכה פון א בי וועמען?...

איך וואלט אויך וועלן וויסען: צו ווירקט דעם רבינ'ס ברכה נור אויף שימעלען, ער זאל זיין א מוצלח? דאס הייסט: זיין גוט געשאפט זאל איהם מצליח זיין און די שדוכים וואס ער האט אויסגעפיהרט און וועט אויספיהרן מאגען דערנאך זיין ניט גליקליכע און ניט פאסענדע, אבי ער זאל זיינע שדכנות האבען, אדער זעלבסט דיא שדוכים זאלען אויך געבענשט זיין מיט דער זעלבער ברכה וואס ער, שימעלע, איז מיט איהר געבענשט?

אויפריכטיג זאג איך דיר, דאס מיך בעאונרוהיגט זעהר דיזע פראגע: דער זעלבער ר' שימעלע האט שוין פון מיין מוטער זיינע שדכנות אבגענומען, ער האט שוין מצליח געוועזען, און ווי אויך ביטער מיר איז, וואס זי וועט איינעם פרעמדען אנגעהערן און די ליעבע ערינערונג פון מיין זעליגען פאטער וועט דורך דעם ביא איהר פערגעסען ווערן, איז זי דעננאך מיינע ליעבע מוטער, און איך וויל, זיא זאל זעלבסט פאר איהר צווייטען מאן גליקליך זיין.. איך וויל אויך: דעם רבינ'ס ברכה זאל ניט זיין א ברכה פאר דעם ארעמען שימעלען און חלילה א קללה פאר פיעל יונגע קינדער וואס זיין קרומער שכל און פלוטישע צונג וועט זיי צוזאמענפארן ... אט פאר וואס מיך בעאונרוהיגט אזוי דיזע פראגע!.....

יא, ליעבער פריינד, דער שימעלע האט שוין מעהרערע מאל מיר געזאגט, ער וועט מיר אויך איינטהיילען א שטיק פון זיין הצלחה און מיר געבען א חתן איינעם אין גאנצער וועלט, אבער דער איינער אין גאנצער וועלט ביזטו, מיין ליבער

משֶׁהלֶע ... אוּנ קֵיין צְווייטֶען צוּ דִיר טו׳ אִיךְ נִיט קֶענֶען, נִיט ווִיסֶען! ... אוּמְזִיסְט שִׁימֶעלֶע, ווֶעט דַיין רֵייד זַיין! מַיין פְרַייֶער ווִילֶען אוֹיף זִיךְ אִיז פִּיעל שְׁטַארְקֶער אַלְס דֶעם רֶבִּינ'ס בְּרָכָה .... אָ, לִיבֶּער משֶׁהלֶע, דָאס הֶערְץ זָאגְט מִיר: אִיךְ ווֶעל פוּן אִיצְט נִיט נוּר מִיט מַיין מוּטֶער אַלֵיין מוּזֶען קֶאמְפְּפֶען אָבֶּער אוֹיךְ מִיט דֶעם רֶבִּי'ן, זָאל לֶעבֶּען, מִיט זַיינֶע לַייט אוּנ מִיט זַיין בְּרָכָה!...

נִיט זָארְג, לֶערן אוּנְגֶעשְׁטֶארְט, גָאט אִיז מִיט מִיר! אִיךְ הָאבּ נָאךְ נִיט גֶעהֶערְט, מֶען זָאל אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אוּנ נָאךְ אַ יְתוֹמָה אִיבֶּער גֶעוואַלְד צוּ דֶער חוּפָּה פִיהרֶן! ...

מַיין בְּרוּדֶער מָאטֶעלֶע, פְרֶעגְט מִיךְ כִּמְעַט יֶעדֶען טָאג: ווֶען ווֶעט שׁוֹין מָשִׁיחַ קוּמֶען? אַ מָאל אֶנְטְווֶער אִיךְ אִיהם: ווֶען גָאט ווֶעט ווֶעלן! אַ מָאל — אִיךְ ווֵייס נִיט!... אָבֶּער דִיזֶע אַנְטְוואָרְט בֶּעפְרִידִינְט אִיהם נִיט אוּנ פְרֶעגְט אוֹיף מָארְגֶען ווִידֶער: רָחֶלֶע, ווֶען ווֶעט שׁוֹין מָשִׁיחַ קוּמֶען? "וואָס ווַארְטְסְטוּ אַזוֹי אוֹיף מָשִׁיחַ'ן? הָאבּ אִיךְ הַיינְט גֶעפְרֶעגְט אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נִיט גֶעהַאט וואָס אִיהם אוֹיף זַיין דְרִינְגֶענְדֶע פְרַאגֶע צוּ אֶנְטְווֶערן — אַז מָשִׁיחַ ווֶעט קוּמֶען, הָאט דָאס אוּנְשׁוּלְדִיג קִינְד גֶעאֶנְטְווֶערְט, ווֶעט דָאךְ זַיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים ווֶעט אוּנְזֶער גוּטֶער טַאטֶע לֶעבֶּעדִיג ווֶערן. אַךְ רָחֶלֶע, ווִיל אִיךְ אַז מָשִׁיחַ זָאל שׁוֹין קוּמֶען!..." וואָלְסְטוּ נוּר גֶעהֶערְט, לִיבֶּער משֶׁהלֶע, מִיט ווֶעלְכֶע הֶערְצֶענְסְפֵּיין אוּנ בֶּאנְגֶען דָאס עֶלֶענְד קִינְד הָאט עֶס גֶעזָאגְט, אָ, דוּא וואָלְסְט בַּאמָאלְס, ווִי אִיךְ — דַיינֶע טְהְרֶערן גֶעשְׁלוּנְגֶען, דִיא פֶערְווֵיינְטֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען צוּם הִימֶעל אוּנ דַיינֶע לִיפְּפֶען וואָלְטֶען דִי ווֶארְטֶער אַרוֹיסְגֶעשְׁטַאמֶעלְט: גָאט, ווֶען ווֶעט שׁוֹין מָשִׁיחַ קוּמֶען?!....

עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶע, משֶׁהלֶע, וואָס אִיךְ הָאבּ מַיין בְּרוּדֶער'ל נִיט גֶעווָאלְט טְרֶאסְטֶען מִיט אַ לַאנְגֶער, לַאנְגֶער הָאפְנוּנְג ... אוּנ הָאבּ אִיהם גֶעזָאגְט: מָשִׁיחַ ווֶעט קוּמֶען, מָאטֶעלֶע, ווֶען אוּנְזֶער לִיבֶּער שְׁוֶועסְטֶערְקִינְד משֶׁהלֶע ווֶעט צוּ אוּנְז צוּרִיק קוּמֶען, דַאן ווֶעט אוֹיךְ אוּנְזֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער פָּאטֶער לֶעבֶּעדִיג ווֶערן אוּנ דוּא, מַיין בְּרוּדֶער'ל, ווֶעסְט צוּרִיק דַיין טַאטֶען הָאבֶּען!... ווַארְט אִיךְ דֶען נִיט אוֹיף דִיר, ווִיא אוֹיף מָשִׁיחַ'ן? ווֶעסְטוּ דֶען נִיט אַ טְרַייֶער פָּאטֶער ווֶעלן זַיין דִיזֶע עֶלֶענְדֶע יְתוֹמִים'לֶעךְ, וואָס מַיין נַאנְצֶעס לֶעבֶּען הֶענְגְט אָן זֵיי?... נִיט נוּר אִיךְ הָאף אוּנ ווַארְט אוּנ בֶּעט גָאט דוּ זָאלְסְט גִיכֶער קוּמֶען אָבֶּער אוֹיךְ מַיין בְּרוּדֶער מָאטֶעלֶע, הָאפְט אוּנ בֶּעט גָאט עֶר זָאל דִיךְ וואָס פְרִיהֶער בְּרֶענְגֶען אַהֵיים. ווִי קָאן גָאט דִיזֶע אוּנְשׁוּלְדִיגֶע פְרוּמֶע גֶעבֶּעט נִיט צוּהֶערן? ווֵיים זְשֶׁע, משֶׁהלֶע, אַז ווֶען דוּא ווֶעסְט קוּמֶען צוּ מִיר, ווֶעסְטוּ אוֹיךְ אַ מָשִׁיחַ זַיין, אַ פָּאטֶער אַ טְרַייֶער צוּ דִיא, ווֶעלְכֶע זֶענֶען אָהן דִיר, חָאטְשׁ נִיט אָרֶעמֶע אָבֶּער דָאךְ עֶלֶענְדֶע יְתוֹמִים'לֶעךְ ... דֶערְנָאךְ, בֶּעשְׁווֶאר אִיךְ דִיךְ, נִיט פְרִיהֶער צוּ קוּמֶען אֵיידֶער דוּ קֶאנְסְט אוּנ מָאנְסְט קוּמֶען. יָא, אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה עֶרְשְׁט, ווִיא נֶאטְהִיג דַיין שְׁטוּדִירֶן אִיז זֶעלְבְּסְט צוּלִיעבּ דֶעם, דִי עֶלֶענְדֶע יְתוֹמִים אַ טְרַייֶער פָּאטֶער צוּ זַיין...

אִיךְ הָאבּ דִיר אַזוֹי פִיעל אִין דֶעם בְּרִיף דַיין קָאפּ אָנְגֶעדוּלְט, אוּנ הָאבּ דִיר כִּמְעַט גָאר נִיט עֶרְצֶעהלְט, נִיט פוּן מַיינֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ אוּנ נִיט פוּן מַיין לִיעבֶּען שְׁוֶועסְטֶערל. נִיט פוּן אוּנְזֶער פֶעטֶער, נִיט פוּן דֶער מוּהמֶען אוּנְזֶערֶע, כִּמְעַט פוּן אֵיינֶענֶעם לֶעבֶּען אוּנ אַנְגֶעלֶעגֶענְהֵייטֶען גָאר נִיט עֶרְצֶעהלְט; אָבֶּער דוּ אַלֵיין הָאסְט

מיך געבעטען איך זאל דיר נור אויסשרייבען וואס ביי מיר אים הערצען געהט פאר. און דיזעס הערץ קאן נור אפען זיין פאר דיר. און איך קאן וועגען אנדערע זאכען מיט דיר ניט רעדען!... פערצייהע מיין פיעל שרייבען, איך שוויינ פיעל מעהר אלס איך רעד. איך שרייב נור דאס וואס רייסט זיך זעלבסט פון מיין צוריסענעם הערצען ארויס.. נעהם צו מיין בריוועלע אזוי ווי עס איז געשריבען, איבער צושרייבען האב איך אזוי פיעל צייט ניט און געדולד נאך ווענינער. אנטווער ליבער פריינד, ערקלער און לערן גוט זיין דיין רחל'ען.

— צו וואס, מיין טאכטער בלענדסטו דיינע אויגען און שרייבסט אזוי שפעט ביי נאכט? האט די אלטע פיינע געפרעגט, אז זי האט זי שרייבענדיג געפונען אין דעם אבענד.

— זאגט מיר פיינע, האט רחל'ע זעהר פערטראכט אויסגערעדט, זאגט מיר, בין איך ווירקליך עלטער געווארן זייט דעם מיין ליעבער פאטער איז געשטארבען?

— אוודאי מיין קינד ביזטו עלטער און ניט יונגער געווארן, האט דיא אלטע געאנטווערט, אז מען לעבט איבער א טאג ווערט מען עלטער מיט א טאג. מיין ליעב קינד!. אזוי רוקען זיך אונזערע יאהרן אוועק. דאכט זיך איין טאג. וואס איז א טאג?

— ניין פיינע, אין יאהרן גאנצע פיהל איך מיך עלטער איצט, האט רחל'ע ערקלערט, איך פיהל מיך ניט מעהר אזוי קינדיש און נאכגעגעבען וויא איך בין ביז איצט געוועזן. ניט אמת פיינע, א מענש קאן גאר פלוצלונג אלט ווערן?

— יא מיין טאכטער, האט פיינע אויסגעזיפצט, אפט מאכען צרות א מענשען אלט פאר דער צייט. זייט דיין ליעבער פאטער עליו השלום, איז אונז אבגענומען געווארן, האסטו פיעל אויסצושטעהן, דוא בעקלאגסט דיך ניט אבער דיין יונג הארץ פיהלט און ווערט געפרעסט אלע נויילע, גלויב מיר, ווי איך וויין און טראג יסורים פון דעם וואס דיין הארץ ליידט, דאנק איך פונדעסטוועגען גאט דעם לעבעדיגען, וואס ניט דיר א טראסט אין דיין איינענעם שכל אלץ צו קאנען אריבער טראגען און פאר גוט אננעהמען, איך פרעה מיך אז איך רעד איצט מיט דיר און איך זעה אז דוא ביזט א צייטיגער מענש — ניט אקינד, ניט א נאכגעגעבען אין וואוילטיג אויפגעצויגען קינד. וויא דער טאטע דיינער האט דיך געלאזען... פערלאז זיך, מיין טאכטער, אויף גאט, נעהם אן פאר גוט אלץ וואס עס קומט פון זיין האנד! ער ניט דיא קאלט נאך די קליידער נאך!....

— און ער ניט אויך די קליידער נאך די קאלט נאך!... האט רחל'ע צונעלענט. אך, וואלט איך נור ריכטיג וויסען, אז אלץ וואס עס טהוט זיך איז עס מיט זיין ווילען!... ווי אפט אבער בענעהען מענשען א זינד, וואס זייא פערשטעהן זיין גוטען ווילען ניט און טהוען פונקט פערקעהרט!... פיינע, זינדיגען דען מענשען אויך מיט גאטעס ווילען....

— דעם זינדיגען שטראפט ער, האט פיינע געאנטווערט. זיי, מיין קינד, פרום און גוט, גלויב איהם, אז ער טהוט דיר גוטס אפילו בעת דוא זעהסט די גוטס ניט... וואס ווייסען מיר זינדיגע, איהם קשיות צו פרעגען? פרעג ניט, נור האב אמונה אין איהם אז ער איז גערעכט!...

קום אבײן צו מיר אין קיך װעסטו זיך א מוטר אראפּנעהמען , אז דוא װעסט זעהן װי ער פיהרט זיך מיט רחמים אפילו מיט חיות אונ עופות אויך : דיא הוהן מײנ'ע האט הינדעלעך אויסגעװעסן . װי לאנג זײ זענען נאך קלײנע געװעזען , איז די אלטע הון זײ א געטרײע מוטער געװעזען , זי פלעגט מיט איהר שנאבעל די ברעקלעך ברויט זײ צוברעקלען זײ זאלען מיט זײערע קלײנע פּיסקעלעך קאנען אראפּ שלינגען , אונטער איהרע פליגלען פלעגט זיא זײ װארימען אונ שלאפען לעגען . איצט , אז זײא זענען אונטער געװאקסען אונ קאנען זײער חיונה אלײן זוכען אונ געפינען , לאזט זי זײ שוין גאר צו זיך ניט צו ; עס איז א רחמנות צו צוקוקען , װי זי פּיקט זײ אין קאפּעלע , אז זײא געהן צו נאהענט צו איהר . נו , װעהט מען דען ניט דעם רבונו של עולם'ס השגחה דארין װי אין אלץ ? װיא לאנג זײ האבען נאך אלײן זײער װעלטעל ניט געקאנט בעשטעהן , האט דער , װאס איז א נותן לחם לכל בשר , א געפיהל פון טרײהײט אין זײער מוטערס הערץ אנגעצונדען , זי זאל פאר איהרע קלײנע פּיסקלאטעס זארגען , זײ זאלען קאנען א תקומה האבען , איצט אז זײ קאנען שוין זײער װעלטעל כמעט אלײן בעשטעהן האט ער דאס געטרײע געפיהל צוריק אויסגעלאשען אונ דיא קינדערלעך מוזען זיך אלײן זוכען יעדעס ברעקעלע , יעדעס גרײפּעלע .

יא מײן טהײער קינד , האט דיא אלטע װײטער גערעדט , װער קאן װיסען צו װאס האט ער , דער װאס איז גוט אונ גערעכט , צוגענומען פון דיר דײן געטרײען טאטען , דײן פארזארגער ? ניט אומזיסט האט ער איצט דײן שכל אין דײן יונגען קאפּעלע אלט אונ געניט געמאכט ! ער מײנט דערמיט : דוא זאלסט אלײן פון איצט אנהײבען דײן װעלט צו לעבען , אלײן זיך זוכען אונ געפינען װאס דיר טויג ! ... דו האסט , מײן טאכטער , פון איצט אויף קײנעמ'ס הילף ניט צו װארטען , נור פריהער אויף גאטעס חסד דערנאך אויף דײן אײגענעם שכל ! ... צו איהם , צו דעם װאס לעבט אײביג האף איך , אז דײן שכל װעט דיך ניט ראטהען טהון װאס איהם געפעלט ניט חלילה ; טהו מײן קינד , װאס דיר געפעלט , נור דערפאר ביזטו אין שכל , אהן א עין הרע , מיט צעהן יאהר אלטער געװארן װיא דו זאנסט !

אז די אלטע איז ארויס געגאנגען , האט זיך רחלע טיף פערטראכט , יא איז װירקליך קײן אונטערשיד ניטא פון א עוף ביז א מענשען ? האט זיא זיך געפרעגט , דארף איך פון פײנעס הוהן א מאס אראבנעהמען װיא װײט דיא ליעבע פון א מוטער דערגרײכט צו איהרע קינדער ? נײן , א מענש דארף האבער , בעסער אונ קלוגער זײן אלס ערגעץ א חיה אדער א עוף , אז ניט , טא װאס זשע איז דעם מענשענס יחוס ? מיט װאס שטעהט ער זאנסט האבער פון יעדער חיה אונ עוף ? נײן , אזא מײנונג װיא פײנע , האב איך פון מײן מוטער ניט ! ....



# חלק ד

## א.

אין ווינאגראדקע איז פרעהליך, אין ווינאגראדקע איז יום טוב'דיג. אין ווינאגראדקע איז א אורח געקומען! א אורח אין רבי'נס הויף איז קיין נייעס ניט אפילו, נור א אורח צו א אורח איז ניט גלייך זעלבסט אין ווינאגראדקע וואס האט אורחים גענוג אונ זעלבסט ביי חסידים וואס ביי זיי זענען אלע גלייך... עס קומען צעהנדליגער אורחים יעדען טאג, קיינער ווייס ניט פון זיי, קיינער פרעהט זיך מיט זיי, זיי קומען, לאזען אנשרייבען א קוויטעל ביי ערגעץ א גבאי, גיבען עטליכע גילדען, געהען צום רבי'ן אריין, לעגען זייער פדיון, הערנאוים זיין עצה אדער זיין ברכה, געהען ארויס, כאפען עטליכע טרונק ברוינפען אדער עטליכע פעטש אונ פאהרען אוועק מיט דער זעלבער וועג אונ ארעמקייט ווי זיי זענען געקומען; נור עס זענען דא אזעלכע אורחים וואס אויף זייער קומען ווארט מען, אז זיי קומען ווערט פרעהליך אונ זעלבסט זייער אוועקפאהרן איז א יום טוב. אזא אורח איז איצט געקומען, אזא אורח איז ר' העניך באַרסקי געוועזען אלע מאל אונ היינט נאך מעהר.

א מאל איידער ר' העניך האט זיין גרויסער אומעניע (גוט) געקויפט, איידער ער האט צום רבי'ן אנגעהויבען פאהרן אונ איידער ער איז ביי איהם א גרויסער חסיד געווארן, האט ר' העניך געהייסען: „העניך חלאפ", נור דאס איז א מאל געוועזן, שוין גאנץ לאנג צוריק, איצט איז ער רייך, איצט איז ער א חסיד, איצט האבען פון איהם א גרויסע הנאה, דער רבי מיט זיינע קינדער, ר' פנחס'ל מיט זיינע אונטער גבאים, אונ עס פרעהען זיך מיט איהם זעלבסט אלע אורחים חסידים וואס געפינען זיך צו דער צייט אין ווינאגראדקע, ווארום ר' העניך האט אויסער געלד א סך, אויך א האנד א אפענע אונ עס פעהלט קיין משקה ניט, מען ניסט זיך מיט וויין פון א סימן ברכה וועגען, ר' פנחסל איז פרעהליך, דער רבי איז אויפגערוימט אונ חסידים זענען שכור, מען זינגט, מען טאנצט אונ ווינאגראדקע איז פרעהליך יום טוב'דיג...

איצט הייסט ער: „ר' העניך באַרסקי" אונ זיצט ביים רבי'נס טיש א דריטער פון איהם זאל לעבען. ער האט דעם ארט זוכה געוועזען ניט מיט דעם זכות פון זיין תורה, וועלכע ער האט קיינמאל ניט געלערנט, ניט מיט זכות אבות וואס ער האט זעלבסט אויפ'ן בית עולם ניט געהאט, נור דורך דעם זכות פון שאנע עטליכע הונדערטער רובעל וואס ער האט א נעפאלענעם חסיד בעצאהלט פאר זיין חזקה

אַדְרִיטֶער צוּ זִיטְצֶען פוּן אִיהם זָאל לֶעבֶּען. ר׳ פִּנְחָס׳ל אִיז דֶער מֶעקְלֶער גֶעוֶועזֶן אִין דֶער קְנִיָה אוּנ הָאט מֶעקְלֶערַיי פֶערְדִינְט אַ גְרָאבּ קֶערְבֶּעל פוּן בֵּיידֶע צְדָדִים. פוּן יֶענֶעם טָאג אִיז עֶר טַאקִי רַייכֶער אוּנ רַייכֶער גֶעוָוארְן אוּנ הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז דֶער אָרְט הָאט אִיהם זַיין הַצְלָחָה גוֹרֵם גֶעוֶועזֶען אוּנ פַאר וָואס זָאל עֶר זִיךְ נִיט לָאזֶען עָרְקֶענֶען?

נִיט שְׁטֶאנְדִיג אָבֶּער פְּלֶעגְט ווִינָאגְרָאדֶקְע דָאס גְלִיק הָאבֶּען דֶעם טְהַייֶערְן אוֹרַח בַּייא זִיךְ צוּ הָאבֶּען, ר׳ הֶענִיךְ הָאט גְרוֹיסֶע עֲסָקִים גֶעהַאט אוּנ נוּר בַּייא אַ נִיט גֶעוָואהְנְלִיכֶער גֶעלֶעגֶענְהֵייט הָאט עֶר זִיךְ גֶעקָאנְט אָבְּרַייסֶען צוּ פָאהרְן אוּנ זַיין טְהַייֶערְן אָרְט, אַ דְרִיטֶער פוּן אִיהם זָאל לֶעבֶּען צוּ פֶערְנֶעהמֶען; נוּר ר׳ פִּנְחָס׳ל פְּלֶעגְט זֶעהר אָפְּט אַרִיבֶּער פָאהרְן צוּ אִיהם, אִין זַיין אִימֶענִיֶע אָבְּזִיטְצֶען עֶטְלִיכֶע טֶאג, תּוֹרָה זָאגֶען, מִצְוֹת גֶעבֶּען, צוּגֶעהמֶען אַ פִּדְיוֹן אוּנ קוּמֶען צוּרִיק אַ פוּלֶער פוּן כָּל טוּב.

מִיט אַ יָאהר צוּרִיק אִיז ר׳ הֶענִיךְ׳ס גֶעפִּדְיוֹנ׳ט בֶּן יְחִידֶ׳ל מֶענְדֶעלֶע גֶעפֶאהְרְלִיךְ קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען, ר׳ הֶענִיךְ הָאט ר׳ פִּנְחָס׳לֶען — וָועלְכֶער אִיז דַאמָאלְס בַּיי אִיהם גֶעוֶועזֶן — דֶערְלַאנְגְט אַ פִּדְיוֹן, עֶר זָאל תֵּיכֶף אַוֶועק פִיהרֶן צוּם רֶבִּי׳ן, עֶר זָאל מִתְפַּלֵל זַיין מֶענְדֶעלֶע זָאל לֶעבֶּען. ר׳ פִּנְחָס׳ל הָאט אִיבֶּערְגֶעצֶעלְט דָאס גֶעלְד אוּנ אַז עֶר הָאט דֶערְזֶעהן אַז מֶעהר ווִי אַכְצֶעהן רוּבֶּעל פִּדְיוֹן הָאט ר׳ הֶענִיךְ נִיט גֶעגֶעבֶּען, הָאט עֶר דָאס גֶעלְד צוּרִיק אוֹיפְן טִישׁ אַוֶועקְגֶעלֶעגְט אוּנ אַ בִּיטֶערְן קְרֶעכְץ גֶעטְהוּן. וָואס קְרֶעכְצְט אִיהר, ר׳ פִּנְחָס׳ל? הָאט הֶענִיךְ מִיט שְׁרֶעק גֶעפְרֶעגְט, עֶר הָאט גֶעמֵיינְט: ר׳ פִּנְחָס׳ל זֶעהט שׁוֹין דֶעם מַלְאַךְ הַמָּוֶת אִיבֶּער מֶענְדֶעלֶען אוּנ דֶערְפַאר ווִיל עֶר זַיין פִּדְיוֹן נִיט נֶעהמֶען.

אַ טָעוּת נָסוּר, אַ מַעֲשֶׂה שָׂטָן הָאט עֶס גֶעמוּזְט זַיין, הָאט ר׳ פִּנְחָס׳ל גֶעאֶנְטְוָוארְט: וָואס מֶען הָאט דִי תַּנָּחָה גֶעלֶעגְט אַז „חַי״ אִיז טַייטְשׁ לֶעבֶּען אוּנ „מָוֶת״ אִיז טַייטְשׁ טוֹידְט. בֶּאֱמֶת אִיז נָאר פֶערְקֶעהרְט עַל פִּי קַבָּלָה, מָוֶת אִיז טַייטְשׁ: לֶעבֶּען, אוּנ חַי אִיז — טוֹידְט. אַ פִּדְיוֹן צוּם לֶעבֶּען מוּז זַיין כְּמִסְפָּר „מָוֶת״, וָואס דָאס אִיז תמ״ו קֶערְבְּלֶעךְ. טַאקִי פִיעֶר הוּנְדֶערְט זֶעקְס אוּנ פִיעֶרְצִיג רוּבֶּעל, אוּנ טַאקִי דָאס מֵיינְט דֶער פָּסוּק: וּצְדָקָה תַּצִיל מִמָּוֶת, וֶוען אִיז דִי צְדָקָה מַצִיל מִמָּוֶת, דָאס הֵייסְט: וֶוען הֶעלְפְט דֶער פִּדְיוֹן? אַז מֶען גִיט צוּם לֶעבֶּען: נִיט מִמִּסְפָּר ח״י וָואס דָאס אִיז בְּסַךְ הַכֹּל אַכְצֶעהן נוּר מִמָּוֶת וָואס דָאס אִיז פִיעֶרְהוּנְדֶערְט זֶעקְס אוּנ אַכְצִיג קֶערְבְּלִיךְ. נוּר אַייךְ ר׳ הֶענִיךְ, זָאג אִיךְ עֶס, אוּנ אוֹיךְ בְּסוֹד, אַז טַאקִי נוּר דַארִיבֶּער טְרֶעפְט אַז מֶענְשֶׁען שִׁיקֶען פִּדְיוֹן ח״י קֶערְבְּלִיךְ צוּם לֶעבֶּען אוּנ דֶער פִּדְיוֹן הֶעלְפְט נִיט, ווַייל ח״י קָאן נִיט הֶעלְפֶען צוּם לֶעבֶּען ... מִמָּוֶת, אָט דָאס אִיז דֶער אֱמֶת׳ר פִּדְיוֹן צוּ לֶעבֶּען! ... אִיךְ קְרֶעכְץ דַארִיבֶּער, ר׳ הֶענִיךְ, נִיט ווַייל אִיךְ רֶעכֶען אַייךְ חָלִילָה פַאר אַ קַארְגֶען, אִיךְ ווֵייס אַז פוּן אַייֶער מֶענְדֶעלֶעס וֶועגֶען וֶועט אַייךְ נִיט צוּ טְהַייֶער זַיין אַ פִּדְיוֹן פוּן תצ״ב קֶערְבְּלֶעךְ ווִי דֶער מִסְפָּר מָוֶת בֶּעטְרֶעפְט, אָבֶּער אִיךְ קְרֶעכְץ, וָואס נִיט אַלֶע ווֵייסֶען דֶעם טָעוּת אוּנ שִׁיקֶען נוּר ח״י אַזַא פִּדְיוֹן וָואס קָאן נִיט הֶעלְפֶען. דֶערְפוּן קוּמְט אַרוֹיס וָואס דֶער עוֹלָם וֶוערְט שְׁוַואךְ אִין אֱמוּנַת צַדִּיקִים, זֵיי ווֵייסֶען נִיט אַז דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען אִיז גָאר נִיט שׁוּלְדִיג וָואס יֶענֶער שְׁטַארְבְּט חָאטְשׁ עֶר הָאט אַ פִּדְיוֹן ח״י קֶערְבְּלֶעךְ צוּגֶענוּמֶען צוּם לֶעבֶּען. דֶער אֵיינֶעגֶער טָעוּת אִיז, וָואס מֶען טַייטְשְׁט: בֵּן אַ זוּהן אוּנ בַּת אַ טָאכְטֶער. — בֶּאֱמֶת אִיז פּוּנְקְט דֶער הֵיפֶךְ. בַּת אִיז בְּקַבָּלָה טַייטְשׁ: אַ זוּהן, אוּנ בֵּן אִיז

אַ טָאכְטֶער. ווייל מֶען זוֹכֶה זַיין הָאבֶּען אַ זוּהן מוּז מֶען גֶעבֶּען ת״ב קֶערְבְּלֶעךְ און דָאס מֵיינְט דִיא גְּמָרָא: בַּת תְּחִלָּה סִימָּן יָפֶה לַבָּנִים, אַז מֶען גִיט אַ פִּדְיוֹן אוֹיף הָאבֶּען אַ זוּהן דַארְף מֶען גֶעבֶּען כְּמִסְפַּר בַּת, פִיער הוּנְדֶערְט צְווֵיי קָארְבְּלֶעךְ און מִסְפַּר תְּחִלָּה: פִיער הוּנְדֶערְט דְרַייא און פוּנְפְצִיג. טַאקִי תְּחִלָּה מִיט אַ יוּד, כְּדֵי דֶער בֶּן הַנּוֹלָד זָאל טַאקִי זַיין אַ יוּד, אַ יוּד אַ כָּשֵׁר׳ר מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת הַמְשׁוּבָּחוֹת.

ר׳ הֶענִיךְ הָאט גֶעגֶעבֶּען כְּמִנְיַן מְמוֹת זַיין בֶּן יָחִיד זָאל גֶעזוּנְד וֶוערֶן, ר׳ פִּנְחָס׳ל הָאט דֶעם פִּדְיוֹן צוּם רֶבִּי׳ן זָאל לֶעבֶּען אַוֶועק גֶעפִיהרְט, דֶער רֶבִּי הָאט מִסְתָּמָא מִתְפַּלֵּל גֶעוֶועזֶען און דֶעם דָאקְטָארְס רְפוּאוֹת הָאבֶּען גֶעהָאלְפֶען, מֶענְדֶעלֶע אִיז בָּרוּךְ הַשֵּׁם גֶעזוּנְד גֶעוָוארְן. דַאן אִיז ר׳ הֶענִיךְ אַלֵיין גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען און הָאט אִיהם פַאר זַיין מִתְפַּלֵּל זַיין גֶעבְּרַאכְט אַ מָנָה יָפָה און אָנְגֶעהוֹיבֶּען פֶערְלַאנְגֶען פוּן אִיהם זָאל לֶעבֶּען עֶר זָאל פַאר זַיין מֶענְדֶעלֶען אוֹיסְבֶּעטֶען זַיין בַּת זוּגוֹ אַ בְּתוּלָה יָפָה, אַ כְּשֵׁרָה יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער פוּן אַ פַיינֶעם הוֹיז, זִי זָאל אִיהר חֵן גֶעפִינֶען אִין זַיין בֶּן יָחִיד׳ס אוֹיגֶען, זִי זָאל אִיהם גֶעפֶעלֶען, און עֶר זָאל מֶעהר פוּן אִיהם קֵיין צַעַר הָאבֶּען, וָואס עֶר פִיהרְט זִיךְ נִיט אַזוֹי גוּט און פְרוּם, און הָאט אָפְט צוּ טְהוּן מִיט דֶעם לֶעסְנִיצֶעס טָאכְטֶער.

— הָאט קֵיין דַאֲגָה, ר׳ הֶענִיךְ, הָאט ר׳ פִּנְחָס׳ל גֶעטְרֶעסְט, חָאטְשׁ אִיהר הָאט מִיר עֶרְצֶעהלְט פוּן אֵייעֶר מֶענְדֶעלֶען אַזֶעלְכֶע זַאכֶען, וָואס אַ מְחוּתָּן לְמָשָׁל, בָּרוּךְ פוּן זַיי נִיט ווִיסֶען... פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען הַלְוַאי הָאבּ אִיךְ אַ טָאכְטֶער, הַיינְטִיגֶען טָאג וָואלְט אִיךְ גָאר אָהן יִשּׁוּב הַדַּעַת מִיט אַייךְ מְקַבֵּל קִנְיָן זַיין!

אַזַא גֶעשְׁפְּרֶעךְ אִיז צְווִישֶׁען זַיי פָארְגֶעקוּמֶען מִיט אַ הַאלְבּ יָאהר פְרִיהֶער, און ר׳ פִּנְחָס׳ל הָאט בֶּאֱמֶת אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרַאכְטֶען וואו גֶעפִינְט מֶען פַאר אִיהם אַ כַּלָּה אַ שֶׁאנֶע און פוּן אַ פַיינֶער פַאמִילְיֶע? דוּרְכְפָאהרֶענְדִיג קְלֵיינִיץ הָאט עֶר דַאמָאלְס מֵייעֶלֶען אָנְצוּהֶערְנְס גֶעגֶעבֶּען, אַז עֶר הָאט פַאר אִיהר רָחֶעל׳ען אַ חָתָן אַ גְרוֹיסֶען נְגִיר׳ס אַ זוּהן; נוּר צוּ יֶענֶער צַייט הָאט נָאךְ ר׳ לֵייזֶער גֶעלֶעבְּט און ר׳ פִּנְחָס׳ל הָאט קֵיין קְלָארֶע תְּשׁוּבָה נִיט בֶּעקוּמֶען. עֶר הָאט פַאר הֶענִיךְ׳ן אַנְדֶערֶע שִׁידוּכִים אָנְגֶעהוֹיבֶּען זוּכֶען, עֶס הָאט שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען נִיט וַוייט הֶענִיךְ׳ס מֶענְדֶעלֶע זָאל אַ חָתָן וֶוערֶן, נוּר מֶענְדֶעלֶע הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען פַאר אַ גְרוֹיסֶען אוֹיסְקְלוֹיבֶּער און הָאט ר׳ הֶענִיךְ׳ן אָבְּיַאוֶועט: דִיא כַּלָּה גֶעפֶעלְט אִיהם נִיט, און אַז זִיא גֶעפֶעלְט ר׳ פִּנְחָס׳לֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אָדֶער אֲפִילוּ דֶעם רֶבִּי׳ן אַלֵיין, זָאלְן זַיי מִיט אִיהר חֲתוּנָה הָאבֶּען, אִיךְ ווִיל אַ כַּלָּה דַוְקָא אַ שֶׁאנֶע!..

פוּן יֶענֶעם טָאג אָן, הָאט ר׳ הֶענִיךְ פוּן זַיין בֶּן יָחִיד גְרוֹיסֶע צָרוֹת גֶעהַאט, מֶענְדֶעלֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען גַאנְצֶע טֶאג פֶערְפַאלֶען צוּ וֶוערְן און ר׳ הֶענִיךְ הָאט אַיינְגֶעזֶעהן ווִיא נוֹיטְהִיג עֶס אִיז וָואס גִיכֶער אִיהם חֲתוּנָה צוּ מַאכֶען... מִיט זֶעהר אַ צוּבְּרָאכֶען הַארְץ אִיז עֶר אִיצְט גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען און הָאט בֶּעשְׁלָאסֶען, נִיט אַוֶועקצוּפָאהרְן אָהן אַ תְּנָאִים, עֶס מָאג אִיהם כִּדְיוֹן קָאסְטֶען חָאטְשׁ סִי ווִיפִיעל.

— גֶעוַואלְד ר׳ פִּנְחָס׳ל הָאט עֶר גֶעטַעֲנָה׳ט. אִיהר הָאט דָאךְ מִיר צוּגֶעזָאגְט בַּת פוּן מַיין בֶּן יָחִיד, וֶוען וֶועט שׁוֹין אֵייעֶר הַבְטָחָה מְקוּיָּם וֶוערֶן? דֶערְוַוייל הָאבּ

איך נור צער אונ צער פון איהם ... ? גלויבט מיר, איך זיטץ דא איצט ביי אייך אונ דאס הארץ מיינס איז מיר, ווי מען זאגט, אונטערן אייז.

— זארגט ניט, האט ר' פנחס'ל געאנטווערט, נאט אייך אייער קוויטעל אונ געהט אריין צו איהם זאל לעבען, איך האב מכח אלץ דערמאנט, געהט אריין טאקי שוין, עס איז איצט א שעת הכושר, א עת רצון, איך זעה בחוש די בת זוגו פון אייער בן יחיד!

ר' העניך האט צונעגומען דאס קוויטעל אונ איז אריין צום רבי'ן. דער רבי האט איהם דערלאנגט זעהר א פריינדליכען שלום עליכם, אונ האט דאס קוויטעל מיט א שאנעם פדיון צונעגומען.

טהיילט צדקה, ר' העניך! האט ער אויסגערעדט מיט א שווערן זיפץ. צדקה איז א סגולה צו אלץ, צו אלץ... אין דעם ענין פון זווג בודאי. צדקה טהיילט, איך וועל מתפלל זיין אונ קומט צו מיר מארגען פריה אריין!

ר' העניך האט געטהיילט צדקה, אלע ארעמע אונ קראנקע אין ווינאגראדקא האבען אזא גליקליכען טאג שוין לאנג ניט געהאט. ר' פנחס'ל האט העניך'ן ערקלערט דעם ענין, וואס פאר א שווער שטיקעל ארבייט דער רבי זאל לעבען האט אבצוטהון אין דער נאכט: פון איין זייט דארף ער גובר זיין דעם שטן, וואס האט שוין א שטיקעל שליטה אויף אייער בן יחיד, ווייל איהר וואהנט צו לאנד וואו די ניצוצות הטומאה זענען מעהר ווי אין שטאדט. צווייטענס דארף ער זאל לעבען מגין ומזכה זיין אייער בן יחיד, אז די אויסגעלייטערטע זיידעס אונ באבעס פון אייער מענדעלעס כלה, זאלען פאר דעם רבונו של עולם ניט מתרעם זיין אויף דעם שדוך. פערשטעהט איהר, דער רבי וויל אייער בן יחיד א בת טובים געבען, א דעה האט ער דארט אונ אז ער וועט גוזר זיין וועט דער רבונו של עולם אליין מוזען מקיים זיין.

אויף מארגען פריה, אז ר' העניך איז אריינגעקומען צו איהם זאל לעבען, האט דער רבי איהם בעגעגענט זעהר מיט א פרעהליך פנים אונ האט איהם געזאגט:

— איצט, ר' העניך, פאהרט קיין קליניץ.

— וואס וועל איך דארט טהון, רבי? האט העניך תמעוואטע געפרעגט.

— דער וואס האט געפיהרט אליעזר עבד אברהם, בדרך הישר, האט דער רבי פרום אויסגערעדט, ער זאל אונזער מוטער רבקה באלד געפינען זיא צו נעהמען פאר אונזער פאטער יצחק'ן פאר א ווייב, דער זאל מצליח זיין אייער וועג. איהר זאלט אויך אנטרעפען אייער קינד'ס אמת'ע בעשערטע!... נעהמט נור מיט מתנות שאנע פאר דער כלה נאה וחסודה. פאהרט, וואס פריהער, ווארום איך האב מורא, שמא יקדמנה אחר.

— שטעלט משקה, ר' העניך! האט ר' פנחס'ל געהייסען אז ר' העניך האט איהם דעם רבי'נס ווערטער דערצעהלט, אז ניט וועל איך שטעלן, ווארום דער רבונו של עולם האט מיין רצון ממלא געוועזן!... געדענקט איהר, איך האב אייך א מאל געזאגט: הלואי האב איך א טאכטער חתונה צו מאכען וואלט איך וועלן ווערן אייער מחותן. איצט ר' העניך, כין איך אייער מחותן... דער רבי זאל לעבען הייסט אייך פאהרן קיין קליניץ, איז ער דערמיט מרמז אויף חיעלעס טאכטער דיא יפת

תּוֹאַר. חַיֶיעֶלֶע װֶעט אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם בְּקָרוֹב מַיין פְּלוֹנִית װֶערן, אָט בִּין אִיךְ אַייֶער מְחוּתָּן. דִיא בְּתוּלָה אִיהרֶע אִיז בַּיי מִיר גָאךְ טְהַייֶערֶער װִי מַיין אֵייגֶען קִינְד. ר׳ הֶענִיךְ, װֶען נִיט דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען אַלֵיין װָאלְט אַייךְ גֶעהֵייסֶען פָאהרן קֵיין קְלֵיינִיץ, אוּנ אַייךְ מְרַמֵז גֶעװֶעזֶען אוֹיף חַיֶיעֶלֶעס טָאכְטֶער שֶׁתִּחְיֶ׳, װָאלְט אִיךְ פַאר אִיהר אַ שִׁדוּךְ גֶעטְהוּן מִיט אֵיינֶעם פוּן דֶעם רֶבִּינ׳ס זָאל לֶעבֶּען עֶנִיקְלֶעךְ. נוּר אַז עֶר הָאט אַייךְ גֶעהֵייסֶען פָאהרן קֵיין קְלֵיינִיץ אוּנ הָאט אַייךְ גֶעהֵייסֶען מִיטְנֶעהמֶען פַיינֶע מַתָּנוֹת, מִסְתָּמָא זֶעהט עֶר דָאךְ אַז הַבְּתוּלָה רָחֵל בַּת חַיֶיעֶלֶע אִיז אַייֶער מֶענְדֶעלֶעס בֶּעשֶׁערְטֶע, טָא פָאהרְט אִין אַגוּטֶער שָׁעָה אוּנ מַאכְט קֵיין שִׁיהוֹת נִיט.

ר׳ הֶענִיךְ הָאט גֶעשְׁטֶעלְט מַשְׁקֶה אוּנ ר׳ פִּנְחָס׳ל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען עֶרְקְלֶערֶן דֶעם גְרוֹיסֶען עִנְיָן װָאס דֶער רֶבִּי הָאט פַאר אִיהם הַיינְט גֶעטְהוּן.

– פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר, ר׳ הֶענִיךְ, הָאט ר׳ פִּנְחָס׳ל אָנְגֶעהוֹיבֶּען װִי אַ נָבִיא אִיהם אוֹיסְצוּזָאגֶען דִי אַלֶע מְנִיעוֹת װָאס װֶעלֶען זִיךְ נָאךְ מַאכֶען אִין דֶעם עִנְיָן פוּן אָנְהֵייבּ תְּנָאִים בִּיז דֶער חֲתוּנָה מִיט מַזָל, מֵיינְט נִיט, אַז אַזוֹי גְרִינְג טְהוּט זִיךְ װִי עֶס רֶעדְט זִיךְ, אִיהר בַּארְפְט װִיסֶען אַז דִי פְּלוֹנִית אַייֶערֶע אִיטֶע שֶׁתִּחְיֶ׳ אִיז עַל פִּי דִין גֶעװֶעזֶען אַ עֲקָרָה, מִמֵילָא הָאט פַאר אִיהְרס אַ קִינְד נִיט גֶעקָאנְט בֶּעשַׁאפֶען װֶערן אַ בַּת זוּגוֹ, אִיהר אָבֶּער הָאט צְדָקָה גֶעגֶעבֶּען, פִּדְיוֹנוֹת גֶעשִׁיקְט, אַייךְ הָאט זִיךְ גֶעװָאלְט הָאבֶּען אַ זוּהן אַ קַדִישׁ, אוּנ אִיהר הָאט רֶעכְט גֶעהַאט, אַ עֶהרְלִיכֶער יוּד מוּז לָאזֶען נָאךְ זִיךְ אַ קַדִישׁ, אָט הָאט דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען מִיט זַיין תְּפִלָה גֶעפּוֹעֶלְט מֶען זָאל אוֹיבֶּען מְבַטֵל זַיין דִי גְזֵרָה, װָאס אִיז גְזַר גֶעװָארן מִשֵׁשֶׁת יְמֵי בְּרֵאשִׁית אַז הָאִשָּׁה אִיטֶע בַּת מִרְיָם זָאל זַיין אַ עֲקָרָה.

– ר׳ פִּנְחָס׳ל, הָאט הֶענִיךְ אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען דֶעם שְׁמוּעֶס, װִי אַזוֹי זָאגְט אִיהר, אַז מַיין אִיטֶע אִיז אַ עֲקָרָה גֶעװֶעזֶען, שְׁטַייטְס, זִי הָאט דָאךְ נָאךְ פַאר מֶענְדֶעלֶען עֶטְלִיכֶע מָאל מַפִּיל גֶעװֶעזֶען? נִיט פַאר קֵיין אִשָׁה גֶעדַאכְט.

– אַז אִיךְ זָאג אַייךְ אַ עֲקָרָה, מִסְתָּמָא װֵייס אִיךְ װָאס אִיךְ רֶעד, הָאט זִיךְ ר׳ פִּנְחָס׳ל אָבְּגֶערוּפֶען, דַארִין לִיגְט אַ סוֹד, אִיךְ װֶעל דֶעם סוֹד אַייךְ מְגַלֶה זַיין, נוּר אִיהר זָאלְט אִיהם קֵיין אַנְדֶערן נִיט מְגַלֶה זַיין, װָארוּם דֶער פָּסוּק זָאגְט: כְּבוֹד אֱלֹקִים הַסְתֵּר דָבָר. דֶער כָּבוֹד אִיז פַאר דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם מֶען זָאל זַיין גְבוּרָה אַלֵיין װִיסֶען אוּנ פֶערְבָּארְגֶען זַיין שֶׁבַח. פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר: מְבַטֵל זַיין אַ גְזֵרָה פוּן הִימֶעל אִיז נָאר נִיט אַזַא גְרוֹיסֶע זַאךְ, דָאס קָאנֶען אַלֶע צַדִיקִים אִיצְט אוּנ דָאס הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע צַדִיקֵי הַדוֹר תָּמִיד גֶעקָאנְט, װִי דִיא גְמָרָא זָאגְט: הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ נוֹזֵר גְזֵרָה וְצַדִיק מְבַטְלָה. דֶער צַדִיק הַדוֹר קָאן מְבַטֵל זַיין דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם׳ס גְזֵרָה. אוּנ מְבַטֵל זַיין אַ בִּי אַ גְזֵרָה אִיז קֵיין דָבָר גָדוֹל נִיט, מֶען דַארְף נוּר זַיין אַ צַדִיק. עֶס אִיז אָבֶּער אַ גְזֵרָה צוּ אַ גְזֵרָה נִיט גְלַייךְ, לְמָשָׁל: אַז עֶס אִיז אוֹיף אֵיינֶעם גְזַר גֶעװָארן: עֶר זָאל שְׁטַארְבֶּען, דַארְף מֶען נוּר דִי גְזֵרָה מְבַטֵל זַיין װֶעט עֶר מִמֵילָא לֶעבֶּען. מְבַטֵל זַיין אַ גְזֵרָה אַ אִשָׁה זָאל קֵיין עֲקָרָה נִיט זַיין, אִיז אוֹיךְ גְרִינְג. אָבֶּער דָא אִיז דִי שְׁאֵלָה: װאוּ נֶעהמְט מֶען נְשָׁמוֹת פַאר קִינְדֶער פוּן אַ עֲקָרָה? דָאס אִיז יָדוּעַ, אַז אַלֶע נְשָׁמוֹת װָאס זֶענֶען גֶעבָּארן אוּנ װֶעלֶען נָאךְ גֶעבָּארן װֶערן עַד סוֹף כָּל הַדוֹרוֹת זַיינֶען גְלַייךְ בֶּעשַׁאפֶען גֶעװָארן מִיט אָדָם הָרִאשׁוֹן, דָאס רוּפְט דִי קַבָּלָה אָן: הַנְשָׁמוֹת שֶׁבְּגוּף.

נייע נשמות קאנען ניט בעשאפען ווערן, ווארום אין כל הדש תחת השמש: פון
ששת ימי בראשית איז קיין נייע בריה נאך ניט בעשאפען געווארן, דיא אלע נשמות
זענען בעשטימט פאר יעדער אשה וואס ברויך קינדער האבען אויף דער וועלט; פאר
דער אשה אבער, וועלכע דארף זיין א עקרה האט מען לכתחילה קיין נשמות ניט
בעשאפען, דאריבער איז קיין פעולה ניט געוועזען וואס ער זאל לעבען האט מבטל
געוועזען די גזרה, זי זאל ניט זיין קיין עקרה, אונ אייער פלונית האט געהאט נור
נופלים רחמנא לצלן. ביז ער זאל לעבען האט זיך מסתכל געוועזען אין די האכערע
עולמות אונ האט דערזעהן אז ערגעץ א אשה חשובה אבער א ארעמע דארף האבען
א בן זקונים אונ שטארבען מלידה, האט ער דעם סוד מגלה געוועזען דער דאזיגער
אשה אונ האט איהר צוגעזאגט זי וועט ניט שטארבען אז זי וועט איהם מותר זיין
דעם זכות אויף דעם בן זקונים וואס זי דארף האבען אונ האט איהם אוועג גענעבען
אייער פלונית, אונ דאס איז אייער מענדעלע שיחיה!... אונ טאקי דאס איז דער סוד
פון דעם פסוק: "הבה לי בנים ואם אין מתה אנכי": רחל האט ברוח הקדש געזעהן
אז זי איז א עקרה אונ קאן על פי גזר דין קיין קינדער ניט האבען, האט זיא געבעטען
יעקב אבינו, וואס ער איז געוועזען דער צדיק הדור, ער זאל מבטל זיין די גזרה. הבה
לי בנים: זיי מבטל מיט תפילה די גזרה! האט ער געאנטווערט: התחת אלקים אנכי?
דאס מיינט מען אזוי: נו גוט, איך וועל די גזרה מבטל זיין, דוא וועסט טאקי האבען
קינדער, אבער וואס איז די פעולה? פאר די קינדער האב איך קיין נשמות ניט, ווארום
התחת אלקים אנכי, בין איך דען דער בורא נשמות שבגוף? דיא נשמה קומט נור פון
דעם בורא יתברך אליין. דארויף האט זי איהם צוריק געאנטווערט: ואם אין, אויב
דו קאנסט ניט מיר געבען א נשמה פאר מיינע קינדער מתה אנכי, וועל איך מקבל
זיין אויף זיך צו שטארבען אנשטאט ערגעץ א אנדער אשה וואס דארף שטארבען
מלידה. וכך היה: אונזער מוטער רחל דיא צדקת איז טאקי געשטארבען תיכף ווי זיא
האט געבוירן בנימינ'ן. פערשטעהט איהר, וויפיעל מעלות טובות האט דער רבי זאל
לעבען געטהון פון אייערטוועגען! די גזרה מבטל געוועזען, א נשמה בעקומען פאר
אייער מענדעלען, מתפלל געוועזן אייער פלונית זאל לעבען אונ געזונד זיין, אונ איצט
האט ער א ניי שטיקעל ארבייט פאר אייך אבצואַרבייטען ... הערט נור צו אונ האט
אמונה אין דעם וואס איך בין אייך מגלה על פי סוד: דאס ווייסט איהר דאך, אז
פיערציג טאג קודם יצירת הולד געהט ארויס א בת קול אונ רופט אויס: בת פלוני
לפלוני, בת פלוני, בת ר' אליעזר, האט מען טאקי אויסגערופען לפלוני: צו איהר
שוועסטער קינד, אבער אייער צדקה האט דאך דארט עפיס אויך א שטיקעל ווערטה,
דארף זיך מאבען, אז דער פלוני פאר דער בת ר' אליעזר איז אראפ, ניט דא געבאכט,
פון יודישען וועג אונ ער איז געווארן א מופקר, פשוט, אזא וואס שאמט זיך ניט צו
פאהרן שטודירן, רחמנא יצילנו, ווי באלד ער איז געווארן א מופקר האט מען אויבען
מפקיר געוועזען אלע זיינע זכותים אונ זיין בת זוגו איז אויך געווארן הפקר, וכל
הקודם בה זכה, אט האט דער רבי זאל לעבען זוכה געוועזן דיא בתולה רחל בת
אליעזר מן ההפקר אונ ער שענקט זי איצט אייער בן יחיד!..איהר זאלט גאר ניט קוקען
למשל, וואס די כלה וועט זאגען: איך בין א יתומה. איך וויל דעם חתן ניט', זיא וועט

וַויינֶען, זִי וֶועט אֶפְּשָׁר נָאר נִיט וֶועלן צוּנֶעהמֶען אַייעֶרע מַתָּנוֹת, דָאס זָאג אִיךְ אַייךְ אַלְץ אַ פְּרִיהֶער. זִיא אִיז אָבֶער גָאר נִיט שׁוּלְדִיג אִין דֶעם, דָאס קוּמְט אַלְץ, וַוייל זִי אִיז פוּן אָנְהֵייבּ אָן בֶּעשַׁאפֶען פַאר יֶענֶעם מוּפְקָר... מֵיינְט נִיט חָלִילָה, זִי אִיז אַ שְׁלֶעכְט קִינְד, אַזַא יָאהר אוֹיף מִיר וִוי גוּט וִוי פְרוּם זִי אִיז, נוּר דָאס דַארְף אַזוֹי זַיין... אִיהר זָאלְט נוּר דֶעם כְּלַל גֶעדֶענְקֶען, אַז מֵהַיוֹם אִיז זִי דִי בַּת זוּגוֹ פוּן אַייעֶר מֶענְדֶעלֶען, אוּנ סוֹף כָּל סוֹף וֶועט זִי מִיט אִיהם חַתוּנָה הָאבֶּען בְּחוּפָּה וְקִדּוּשִׁין כְּדַת מֹשֶׁה וְיִשְׂרָאֵל, נוּר נִיט מֵיינְט חָלִילָה, אִיךְ בִּין אַ נָבִיא, אִיךְ פֶערְלָאז מִיךְ נוּר אוֹיף דֶעם צַדִּיק, אוֹיף אוּנְזֶער רֶבִּי'ן זָאל לֶעבֶּען, עֶר וַוייס אוּנ אִיךְ בִּין נוּר זוֹכֶה פוּן אִיהם דִי הַשְׁפָּעָה צוּ הָאבֶּען אוּנ צוּ פֶערְשְׁטֶעהן וָואס עֶר זָאגְט מִיר.

— זָאגְט מִיר, ר' פִּנְחָס'ל, הָאט הֶענִיךְ גֶעבֶּעטֶען, צוּ וָואס הָאט דַאמָאלְס דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען, מִיךְ גֶעהֵייסֶען פָאהרֶן מִיט מַיינֶער קִיין קִיֶעוו צוּם פְּרָאפֶּעסָאר מַאטְוֵויֶעוו, וֶועלְכֶער הָאט אִיהר אַזֶעלְכֶע טְהַייֶערֶע רְפוּאוֹת גֶענֶעבֶּען, אַז מֶען הָאט בֵּייַשַׁיינְפֶּערְלֶעךְ גֶעקָאנְט אַיינְזֶעהן, אַז זִי וֶוערט נָאר נָאךְ יֶעדֶען רֶעצֶעפְּט אַ אַנְדֶער מֶענְשׁ, וִוי בַּאלְד דִיא אַלֶע זַאכֶען הָאט עֶר זָאל לֶעבֶּען אַלֵיין גֶעטְהוּן, צוּ וָואס הָאט עֶר בֶּעדַארְפְט, אִיךְ זָאל דֶעם פְּרָאפֶּעסָאר אַזוֹי פִיעל גֶעלְד אַוֶועג גֶעבֶּען?

— ר' הֶענִיךְ, הָאט ר' פִּנְחָס'ל גֶעאֶנְטְוֶוערְט, דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען ווִיל, דִי וֶועלְט זָאל נִיט גֶעוָואהר וֶוערן אִין גַאנְצֶען פוּן זַיין גְרוֹיסְקֵייט, מֶען דַארְף נִיט ווִיסֶען אַז עֶר וַוייס דִיא סוֹדוֹת הַתּוֹרָה, דַארִיבֶּער הֵייסֶען זֵיי דָאךְ „סוֹדוֹת„, עַל כֵּן הֵייסְט עֶר תָּמִיד פָאהרֶן צוּם דָאקְטָאר, אָבֶער מִיר וֵוייסֶען אַז דִי רְפוּאָה בְּרֶענְגְט עֶר זָאל לֶעבֶּען אוּנ דֶער דָאקְטָאר וַוייס פוּן חִיוּת נִיט. דֶער דָאקְטָאר אִיז נוּר אַ שַׁייד וָואס עֶר זָאל לֶעבֶּען ווִיקֶעלְט אַיין אִין דֶעם זַיין מָאוֹר הַגָּדוֹל, דֶעם אוֹר הַגָּנוּז בּוֹ, אַז דֶער עוֹלָם וֶועט ווִיסֶען וָואס עֶר קָאן וֶועט מֶען פוּן אִיהם פֶערְלַאנְגֶען אַזֶעלְכֶע זַאכֶען וָואס קָאן דֶערְפוּן חָלִילָה אַרוֹיסְקוּמֶען אַ עִכּוּב צוּ דֶער גְאוּלָה.... אִיךְ בִּין אַייךְ דָאס מְגַלֶּה, ר' הֶענִיךְ, וַוייל אִיךְ הַאלְט אַייךְ פַאר אַ בַּעַל סוֹד, גֶעדֶענְקְט מַיינֶע רֵייד, אוּנ נִיט פְרֶעגְט מֶעהר!... וְהָיָה: אוּנ עֶס וֶועט זַיין, אַז אַלְץ וָואס אִיךְ זָאג אַייךְ וֶועט מְקוּיָם וֶוערן, וֶועלֶען מִיר דַאמָאלְס מְחוּתָּנִים זַיין אוּנ מִיר וֶועלן מַשְׁקֶה טְרִינְקֶען. פָאהרְט אִיצְט בְּשָׁעָה צְלֵחָה! נֶעהמְט נוּר מִיט מַתָּנוֹת שֶׁאנֶע, נִיט פֶערְגֶעסְט, אִיךְ בִּין אַייעֶר מְחוּתָּן, ר' הֶענִיךְ!...

## ב.

שִׁימֶעלֶע אִיז אַמָאל פַארְנַאכְט זִיךְ גֶעזֶעסֶען רוּהִיג אוֹיף אַ קְלָאטְץ נֶעבֶּען זַיין שְׁטִיבֶּעלֶע אוּנ הָאט צוּגֶעקוּקְט, בְּעֵת דִי בְּהֵמוֹת גֶעהֶען פוּן פֶעלְד, וִוי אִיטְלִיכֶע פוּן זֵיי טְרֶעפְט פוּנְקְט צוּם טְהוֹיעֶר פוּן אִיהר בַּעַל הַבַּיִת, עֶר הָאט זִיךְ אַ פָּסוּק פוּן דֶער הַפְטָרָה דֶערְמָאנְט אוּנ הָאט פַאר זִיךְ אִיבֶּערְגֶערֶעדְט: יָדַע שׁוֹר קוֹנֵהוּ, אַ אָקְס וַוייס זַיין קוֹיפֶער, וַחֲמוֹר אוּנ אַ אֵייזֶעל אֵבוּס בְּעָלָיו, אוּנ אַ אֵייזֶעל אֲפִילוּ וַוייס דִי קָארִיטֶע פוּן זַיין בַּעַל הַבַּיִת, בָּרוּךְ: גֶעלוֹיבְּט אִיז עֶר, שֶׁחָלַק וָואס עֶר הָאט אַיינְגֶעטְהֵיילְט מֵחָכְמָתוֹ, פוּן זַיין חָכְמָה אֲפִילוּ לְחַיָּה וְלַבְּהֵמָה, אֲפִילוּ אַ חַיָּה אוּנ אַ בְּהֵמָה הָאבֶּען

אויך שֵׂכֶל צו קוּמֶען אַלֵיין אַהֵיים פוּן פֶעלְד אוּנ צוּ טְרֶעפֶען זַייעֶר אָרְט !„ אַזוֹי קְלֶארְנְדִיג הָאט עֶר דֶערְקֶענְט זַיין טָאכְטֶערְס חָתָן'ס קוּה, וֶועלְכֶע אִיז אִיצְט גֶעגַאנְגֶען מִיט אַ פוּלֶען אַייטֶער אוּנ זַיין הֶערְץ אִיז פָאל גֶעוָוארֶן מִיט פְרֵייד אַז עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט. אַז דָאס אִיז עֶר זוֹכֶה כַּאלְד בַּיי זַיין קִינְד צוּ זֶעהֶן. דִיא קוּה הָאט זִיךְ דָא אַ בִּיסֶעל אָבְגֶעשְׁטֶעלְט. וָוארוּם דָא זַיינֶען זִיךְ צְוֵויי גַאסֶען פַאנַאנְדֶער גֶעגַאנְגֶען, אוּנ אַלֶע קִיה פְלֶעגֶען זִיךְ דָא וִויא גֶעוֶואהנְלִיךְ צוּשְׁטֶעלֶען, נוּר אוֹיף אַלֶע אַנְדֶערֶע קִיה הָאט שִׁמְעוֹן נִיט גֶעקוּקְט, עֶר הָאט נוּר גֶעזֶעהֶן זַיין חָתָן'ס קוּה, ווִי זִי הָאט זִיךְ אָבְגֶעשְׁטֶעלְט פוּנְקְט גֶעגֶעבֶּען זַיין שְׁטוּב, אַ מְרוּקֶע גֶעטְהוּן אוּנ זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעהן וַוייטֶער. „דִי קוּה פִּיהלְט”, הָאט עֶר גֶעקְלֶארְט, „זִי פִיהלְט אַז זִי הָאט אַ שַׁייכוּת צוּ דֶעם אָרְט !”

— צִיפֶּע, הָאט עֶר אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן צוּ זַיין פְּלוֹנִית, קוּם נוּר אַהֶער אוּנ הָאב נַחַת !

— וָואס אִיז ? הָאט צִיפֶּע גֶעפְרֶעגְט אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג פוּן קִיךְ וואוּ זִיא הָאט זִיךְ גֶעפָּארֶעט מִיט דֶער וֶועטְשֶׁערֶע.

— וָואס זָאגְסְטוּ צוּ יֶענֶער קוּה וָואס גֶעהט דָארְט לִינְקְס ? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט.

— אַטְהַייעֶרֶע קוּה, הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט, זִי גִיט אַ וַדַאי דְרַיי טֶעפּ מִילְךְ אַמָאל, צוּ פִיעל פַאר אוּנְז. מַיין מַאן, אִיךְ וָואלְט צוּפְרִידֶען זַיין הָאטְשׁ הָאבֶּען אַ צִיעג אַ אֵייגֶענֶע, אִיךְ דַארְף נָאךְ קֵיין צִיעג אוֹיךְ נִיט, אוּנְז פֶעהלְט נָאךְ מַיין מַאן, אַ סַךְ בִּילְכֶערֶע זַאכֶע, הַלְוַאי שִׁיקְט מִיר דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם צוּ וָואס אִיךְ דַארְף נָאךְ הָאבֶּען דִיא עֶטְלִיכֶע קְלֵיידֶערְלֶעךְ אוּנ בֶּעטְגֶעוַואנְד אוֹיסְצוּפִיהרֶן פַאר אוּנְזֶער קִינְד, זִי זָאל נִיט פֶערְשֶׁאמְט וֶוערֶן אַריינְצוּקוּמֶען צוּ אִיהר בֶּעשֶׁערְטֶען — אַ נַאקֶעטֶע אַ בְּלֵייזֶע.

— גָאט וֶועט צוּשִׁיקֶען, הָאט שִׁמְעוֹן מִיט בִּטָחוֹן גֶעטְרֶאסְט, זֶעהסְטוּ, אָט דִי בְּהֵמָה וֶועט בְּקָרוֹב אוּנְזֶער זְלַאטְקֶעס קוּה זַיין, זִי וֶועט שׁוֹין אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם פֶערְזָארְגְט זַיין מִיט קֶאז אוּנ פּוּטֶער, מִילְךְ אוּנ סְמֶעטֶענֶע, אוּנ אַז מִיר וֶועלֶען קוּמֶען צוּ אִיהר אִין בַּיין טָאג אוֹיף אַ מִילְכִיגֶען וַוארִימֶעס וֶועט זִי אוּנְז נִיט וְשַׁאלִיוֶוען אֲפִילוּ אַהֵיים אוֹיךְ מִיטְצוּגֶעהמֶען.

— הֶערְסְטוּ מַיין מַאן, הָאט דָאס וַוייבּ אִיהם אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען זַיינֶע רֵייד, דוּ זָאלְסְט זִיךְ גָאר אָט דִי גְלִיקֶען נִיט אַיינְרֶעדֶען, זָאל אוּנְזֶער קִינְד אִין נַחַת גֶענִיסֶען פוּן אַלֶּל דָאס גוּטְס וָואס זִי וֶועט גֶעפִינֶען בַּיי אִיהר מַאן אִין שְׁטוּב אוּנ מִיר זָאלֶען אַהֲנָאָה הָאבֶּען קוּקֶענְדִיג פוּן וַוייטֶען ! וֶועט גָאט בָּרוּךְ הוּא וֶועלֶען אוּנְז דֶערְקְוִויקֶען וֶועט עֶר אוּנְז צוּשִׁיקֶען מִיר זָאלֶען אַלֵיין רַייךְ וֶוערֶן אַ צִיעג צוּ קוֹיפֶען אוּנ הָאבֶּען אַ אֵייגֶען בִּיסֶעל מִילְךְ, פוּן מַיין קִינְד, זָאל אוּנְז גָאט אָבְּהִיטֶען מַעֲשֵׂר צוּ נֶעהמֶען !

— פַאר וָואס ? הָאט שִׁמְעוֹן גֶעפְרֶעגְט.

— פַאר דֶעם, וַוייל אִיךְ גֶערְגִין אִיהר פוּן גַאנְצֶען הֶערְצֶען אִיהר גְלִיק, הָאט זִי עֶרְקְלֶארְט, זָאל אִיהר מַאן נָאךְ אִיהר חֲתוּנָה אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם, נִיט זָאגֶען אִיהר אַז עֶר מַאכְט אוּנְז גְלִיקְלִיךְ, אוּנ אַ מָאל, אַז עֶר וֶועט אִין כַּעַס זַיין, וֶועט עֶר זָאגֶען, ווִי דֶער שְׁטֵיינֶער אִיז, אַז זִי שְׁלֶעפְּט אִיבֶּער זַיין הָאב אוּנ גוּטְס צוּ אִיהר מַאמֶען. לָאז זִיךְ דִיר נִיט וֶועלֶן, מַיין מַאן ! וֶועט אוּנְז בֶּעשֶׁערְט זַיין וֶועלֶן מִיר הָאבֶּען אֵייגֶענֶע. נִיט אֱמֶת ?

– זאג מיר, מיין אשת חיל, האט שימעלע געפראנט, אז נאט וועט געבען מיר וועלן בעגליקט ווערן אונ האבען אַ איינגענע ציעג. – דו מיינסט אַ ציעג קאסט אַזא מטמון? פאר פינף זעקס רובעל, קאן מען האבען אַ ציעג. – זאג זשע מיר, איך וויל וויסען, אז מיר וועלן שוין האבען אַ ציעג, וועסטו וויסען ווי אַרום צו געהען אַרום אַ ציעג? וועסטו האבען קאז אונ פוטער אויך? אויף שבועות מילכיגע זעמעלעך מיט זיסע קאווע מיט מילך וואלסטו מיר אויך קאנען צוגרייטען, אט אַזעלכע ווי איך האב היינטיגען שבועות טועם געוועזען ביי חייעלען?

– וואלט נור זיין פון וואס, מיין מאן, ווי איך וואלט אַלץ קאנען מאכען אונ צוגרייטען פונקט ווי ביי די נבירים, דוא מיינסט, זיי ווערן געבוירן קעגער? פשוט עס איז דא אַ סך שמאלץ, אַ סך אייער אונ אַנדערע גוטע זאכען אט איז ביי זייא אַ געראטהענער קוגעל. חייעלע האט אהן אַ עין הרע דריי איינגענע קיה וואס גיבען איהר מילך אַ סך אונ אויף גוטע מעהל אונ אייער צו קויפען דרעהט איהר אויך קעניגער דער קאפ פאר מיר, דאריבער זיינען איהרע פוטער זעמעלעך אַזוי גוט. אונ דו מיינסט איך וואלט נאר ניט קאנען זיין אַ נגידה אונ ניט קאנען באקען אַזעלכע זעמעלעך. זאל נור דער רבונו של עולם מיך וועלן אויספראבירן אונ דוא וואלסט זיך אַליין וואונדערן פון וואנען קאן איך דאס אַלץ?!

בעת דאס ווייב האט גערעדט פון חייעלעס געראטהענעם קוגעל, פון איהרע גוטע פוטער זעמעלעך. איז דעם אָרעמען שימעלען אָנגעלאפען שפייעכץ אַ פולער מויל, ער האט זיך דערמאנט דעם טעם גן עדן פון די ביידע גוטע זאכען וואס ער האט אַ פאר מאל דאס גליק געהאט ביי חייעלען צו עסען.

– הערסטו מיין ווייב, האט ער אויסגערעדט, אַז דער בורא ברוך הוא האט אונז שוין געהאלפען אין גיבען נחת צוהאבען פון אונזער קינד. וועט ער אונז נאך העלפען אויף אַ איינגענע ציעג. אט וועסטו זעהן, די ערשטע עטליכע רובעל וואס מיר וועט אַריינפאלען פון אַ שדכנות, געהם איך אַראפ, בלי נדר, פינף זעקס רובעל אונ קויף מיר אַ ציעג. אָבער וואו וועלן מיר זיא האלטען?

– וועגען האלטען, האב קיין דאגה ניט, האט זי געאנטווערט, האלטען קאן מען אַ ציעג אין פארהויז, דערווייל אָבער האבען מיר נאך אַ סך נויטהיגערע זאכען. מיין מאן, אויף וואס פינף זעקס רובעל צו פערטהון, דערמאן זיך נור, בעטגעוואנט, איך האב נאך קיין אָנהייב ניט, היינט ווי ניט מען ניט אַ קינד, וואס קומט אַריין אין אַ נגידיש הויז אַ האלב טוציט העמדער, אַ האלב טוציט האנדטיכער, אַ פאר טישטיכער? עס ווילט זיך זעהר ניט. מיין מאן, אַז דאס קינד אונזערס זאל חלילה אַמאל הארן פון איהר מאן אָדער פון זיינער אַ קריבה, אַז זיא האט איהם נאר ניט אַריינגעבראכט. מיר מוזען זיך אַ כח אָנטהון אונ וואו נור מען דערטאפט אַ רובעל מוזען מיר אויסגעבען פאר איהר, זאל איהר מאן וויסען, אַז מיר האבען אונזער קינד געגעבען מעהר ווי אונזער כח איז, שפעטער אם ירצה השם, אַז מיר וועלן דיא חתונה מיט מזל אויספיהרן ווי געוואונשען, וועט זיך אָנהייבען אַ נייע חתונה מיט אונזער באקען, נאך צו פריה צו זארגען וועגען אַ ציעג.

– דו לעבסט אהן בטחון, האט שמעון שטאלץ אויסגערעדט, דעם רבינס זאל

לֶעבֶּען בְּרָכָה אִיז אַ פָּנִים בַּיי דִיר נָאר נִישְׁט. שׁוֹטֶה שֶׁבָּעוֹלָם זִי הֵייסְט מִיר וַוארְטֶען אַ גַאנְצֶען יוֹבֵל יָאהרֶן! גֵיין, בְּלִי נֶדֶר, אִיךְ מוּז אַ צִיעג קוֹיפֶען נָאךְ פַאר דִי נַיין טָאג!

אַ יוּנְגֶל אִיז פוּן שְׁטוּבּ אַרוֹיס אוּנ הָאט אָנְגֶעזָאגְט אַז דִי וָועטְשֶׁערֶע לוֹיפְט אוֹיס. זִיא אִיז אַרַיין דֶערהַאלְטֶען דִיא וָועטְשֶׁערֶע אִין טָאפּ אוּנ דֶערְמִיט הָאט אַ סוֹף גֶענוּמֶען צוּ זֵייעֶר שְׁטְרֵייט.

קוּמֶענְדִיג אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, הָאט עֶר בַּיי בָּרוּךְ דֶעם קַצָב גֶעפְּרֶעגְט: וויפִיעל קָאן קָאסְטֶען אַ גוּטֶע צִיעג? בָּרוּךְ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: פַאר זֶעקְס רוּבֶּעל נֶעהמְט עֶר זִיךְ אָן אִיהם צוּ צוּשְׁטֶעלֶן אַ צִיעג וָואס זִיא וָועט זַיין אֵיינֶע אִין שְׁטָאדְט.

דִיא בֵּית הַמֶדְרָשׁ לַייט וָואס הָאבֶּען דֶערְהֶערְט אַז שִׁמְעוֹן טְרַאכְט שׁוֹין וֶועגֶען אַ צִיעג קוֹיפֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען, אַז שִׁמְעוֹן מוּז שׁוֹין הָאבֶּען דִיא מַטְבֵּעַ, אַז נִיט וָואלְט אִיהם זִיךְ נִיט וֶועלֶן אוֹיסְגֶעבֶּען גַאנְצֶע זֶעקְס רוּבֶּעל אוֹיף אַ צִיעג. בְּעֵת מֶען דַארְף בַּאלְד אַ קִינְד אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה פִירֶען. אַנְדֶערֶע הָאבֶּען עֶרְצֶאהלְט, אַז שִׁמְעוֹנ'ס וַוייבּ מַאכְט אִיהר טָאכְטֶער אַ גַארְדָארָאבֶּע וִוי פוּן דִי גַאנְץ פֵיינֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים.

— שִׁמְעוֹנ'ן הָאבֶּען מִיר שׁוֹין פֶערְדַאֲנָה'ט, הָאט אֵיינֶער גֶעזָאגְט, אוּנ דֶער סוֹף וָועט זַיין נִיט שִׁמְעוֹן חַאפְּט דָאס גְלִיק וָואס ר' הֶערְשׁ לֵייבֶּעלֶעס גֶעהמְט זַיין טָאכְטֶער אָהן נָדָן אָבֶּער נָאר פֶערְקֶעהרְט, ר' הֶערְשׁ חַאפְּט אַ גְלִיק אַרַיין, וָוארוּם שִׁמְעוֹן וָועט מִיט דֶערְצַייט נָאךְ וֶוערֶן אַ נְגִיד, דֶעם רֶבִּינ'ס זָאל לֶעבֶּען בְּרָכָה אִיז נִיט קֵיין קְלֵיינִיגְקַייט! אַזוֹי הָאט דֶער עוֹלָם גֶערֶעדְט פַאר מַעֲרִיב, אִין מַעֲרִיב אוּנ נָאךְ מַעֲרִיב.

אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג פוּן בֵּית הַמֶדְרָשׁ הָאט שִׁמְעוֹן בֶּעגֶעגֶענְט דֶעם בַּעַל עֲגָלָה וָואס הָאט אִיהם דָאס טְהַייעֶר בְּרִיוועל גֶעבְּרַאכְט פוּן ר' פִּנְחָס'לֶען.

— גוּט וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ בֶּעגֶעגֶענְט, ר' שִׁמְעוֹן, הָאט דֶער בַּעַל עֲגָלָה גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ צוּ אַייךְ פוּן ר' פִּנְחָס'לֶען נָאךְ אַ בְּרִיוֶועלֶע, אֲפִילוּ אָהן מָעוֹת אָבֶּער וֶועהר אַ נוֹיטְהִיגְ'ס. ר' פִּנְחָס'ל הָאט מִיר אָנְגֶעזָאגְט, אַז נָאךְ אֵיידֶער אִיךְ שְׁפַּאן אוֹיס דִי פֶערְד זָאל אִיךְ אַייךְ דָאס בְּרִיוֶועלֶע אִין הַאנְד אָבְּגֶעבֶּען. נוּ, דִי פֶערְד אוֹיסְשְׁפַּאנֶען, דָאס מוּז מֶען, אֲפִילוּ זֵיי אָנְפוֹיֶען; ר' פִּנְחָס'ל מֵיינְט: עֶר פָאהרְט עֶס אוֹיף דֶעם רֶבִּינ'ס סוּסִים וָואס שְׁטֶעהן אִין שְׁטַאל אוּנ פְרֶעסֶען הֵיי אוּנ הָאבֶּער וויפִיעל אִין זֵיי גֶעהט אַרַיין, מַיינֶע בִּידְנֶע קְלַיאטְשֶׁעס פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר מִיךְ, הָארִיוֶוען זִיךְ אוֹיס אִין וֶועג גֶענוּג, אוּנ הָאבֶּען קוֹים כֹּחַ בִּיזְן שְׁטָאדְט צוּ דֶערְצִיהֶען, בַּארִיבֶּער אִיז בַּיי מִיר רֵאשִׁית חָכְמָה: וִוי אִיךְ קוּם. נוּר אִין סְטַאנְצִיֶע אַרַיין שְׁפַּאן אִיךְ זֵיי אוֹיס. אִיךְ לָאז זֵיי אַ בִּיסֶעל אוֹיסְרוּהֶען, דֶערְנָאךְ פִיהר אִיךְ זֵיי צוּם טַייךְ אָנְטְרֶענְקֶען, דֶערְנָאךְ וַוארְף אִיךְ זֵיי אוּנְטֶער אַ בִּיסֶעל הֵיי, אוּנ מַאךְ מִיר אַלֵיין לְסַיֵים אוּנ לֶעג מִיךְ אוֹיסְרוּהֶען אַ פָּאר שָׁעָה פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר מִיךְ, דֶערְנָאךְ עֶס אִיךְ מִיר אָפּ אִין אַכְסַנְיָא אַ וַוארִימֶעס אִיךְ זָאל כֹּחַ הָאבֶּען צוּ הָארִיוֶוען, אֵי וָואס, ר' פִּנְחָס'ל הָאט אָנְגֶעזָאגְט דָאס אִיז אַ מִצְוָה זַאךְ? טָא זַייט מוֹחֵל, ר' שִׁמְעוֹן, אוּנ פְרֶעגְט מַיינֶע סוּסִים צוּ עֶסֶען זֵיי מִצְוֹת? מִיט מִצְוֹת זָאל זִיךְ קָארְמֶען ר' פִּנְחָס'ל פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר מִיךְ!...אָבֶּער טָאמִיר אִיז דָאס בֶּאֱמֶת אַ נוֹיטְהִיג בְּרִיוֶועל גִיבּ אִיךְ אַייךְ אִיהם טַאקִי שׁוֹין אוּנ וֶועל פֶעהר נִיט פֶערְלַאנְגֶען אִיהר זָאלְט מִיר אִיבֶּערְלֵייעֶנֶען דִיא אַדְרֶעסֶען פוּן פְרֶעמְדֶע בְּרִיוֶועלֶעךְ מַיינֶע, דָאס הָאט מִיר שׁוֹין אֵיינֶער גֶעלֵייעֶנְט אִין שְׁנֵיידֶערְשֶׁען קְלוֹיז.

פֿערשטעהט איהר מיך, מייןער איז קיין שוטה ניט און פֿערשטעהט אַ עסק!..

ער האָט איהם דאָס בריוועל דערלאַנגט און שמעון איז צוריק אין בית המדרש אַריין איבערלייענען:

„לכבוד החסיד המצליח דרכו תמיד ברוך ומבורך מוה' שמעון שדכן נ"י.

„אודיעך שמעון הזכאי, אַז ביז הרגע איז געפֿאָהרן למחנך קליינין הגביר המפורסם מוה' העניך באַרסקי נ"י אודות שידוך בעד בנו המופלג ומשולם בכל המעלות המשובחות, עם הבתולה היפה רחל בת המיועדת לי מרת חייעלע שתחי'. דער רבי זאָל לעבען האָט איהם געהייסען פֿאָהרן קיין קליניץ, מסתמא האָט ער מלמעלה געזעהן אַז דער שידוך איז כשר וישר, און אַזוי ווי איך האָב דיר מבטיח געוועזען עס זאָל אָן דיר מקוים ווערן דעם רבינ'ס זאָל לעבען ברכה. איז עצתי תיכף ומיד אַריינצוגעהן צו ר' העניך הנ"ל און איהם מציע זיין דעם שידוך בעד בנו מיט מיין חייעלעס טאָכטער, אָבער נור מיט שכל, ניט דערצעהלען אַז דו האָסט פֿון מיר דאָס בריוועלע, הדא הוא דכתיב וכבוד אלקים הסתר דבר, והבן... מובטחני בך שמעון הזכאי, אַז דו וועסט אויספֿיהרן דעם ענין על צד היות, ומפני הנחיצות קצרתי מנאי פנחס הלוי."

„העיקר שכחתי, חייעלע שתחי' זאָל אויך ניט געוואָהר ווערן פֿון דעם בריוועלע וואָס איך שרייב דיר איצט, הנ"ל."

ווי אַ פֿייל פֿון בויגען איז שימעלע אומגעלאָפֿען פֿון איין סטאַנציע צו דער אַנדערער ביז ער האָט זיך דערפֿראַגט וואו ר' העניך איז פֿערפֿאָהרן. ביי דער טהיר פֿון דער סטאַנציע וואו ר' העניך איז איינגעשטאַנען האָט שמעון זיך אָבגעשטעלט אויסגעשאָפּט אַ ביסעל פֿון גיכען לויפֿען און האָט דערוויייל דעם פּלאַן בעטראַכט ווי אָנצוהייבען רעדען, ער האָט דעם רבינ'ס ברכה דערמאָנט און האָט מוטה בעקומען. ער איז אַריין.

— גוט גאָבענד, אַ אורח! האָט ער מוטהיג אויסגעשריען, דאַכט זיך ר' העניך. גאָט אייך שלום עליכם!

— עליכם שלום! האָט העניך געענטווערט, וואָס גוטס וועט איהר זאָגען?

— איך וועל זאָגען וואָס איך האָב צו זאָגען, האָט שמעון אָנגעהויבען, און דער מי שאמר והיה העולם, דער רבונו של עולם וואָס האָט בעשרה מאמרות די וועלט בעשאַפֿען, און טאַקי ווי דער פּסוק ערצעהלט ווייטער: ויברא אלקים, און נאָך האָט געזעהן את כל אשר עשה אַלץ וואָס ער האָט געטהון בעשאַפֿען והנה נון טוב מאד, עס איז זעהר גוט, אָט טאַקי ער, וואָס ער איז דער מקור און אוצר כל טוב, זאָל איצט אויך זאָגען אויף אַלץ וואָס איך וועל זאָגען, והנה נון טוב מאד!

— לאָז זיין אַזוי, ר' יוד, האָט העניך צוגעשטימט, ווי זאָגט מען: אַ ברכה איז קיין קללה ניט, גוט איז בודאי אַ ברכה, זאָל גוט זיין אונז און כלל ישראל, נור זאָגט מיר, זייט מוחל, ווער זענט איהר?

— איך בין כסך הכל דאָ אַ מלמד, שמעון הייס איך, אָבער אַזוי ווי פֿון שכר לימוד אַליין ציה איך מיין חיונה ניט, האָט דער רבי זאָל לעבען, טאַקי אונזער רבי פֿון וואָנאָראָדקא מיך געבענשט; איך זאָל האָבען אַ שטיקעלע הצלחה אויסצופֿיהרן

שידוכים רעכטע, און איך האף צו גאט אז זיין ברכה איז מיר לברכה ולא לקללה.
איך, ר' העניך, האט ער געבענטשט מיט אלפים אסך בן ירבו, און אלע קאנען
איך. מיך האט ער געבענטשט א שדכן צו זיין אט זוך איך דערפון א קערבעל צו־
פערדינען.

— פון וואנען ווייסט איהר. אז איך בין געקומען אהערצו וועגען א שידוך?

— א שאלה. צו איך וויים? בין איך א שדכן בין איך מחויב צו וויסען! האט שמעון געאנטווערט. אגב איז ר' העניך פ' יוד וואס הערט זיך אין דערוועלט ... ווידער מוז איך אייך זאגען, דריבער האט דאך מיך דער רבי זאל לעבען געבענטשט. ווייל ער האט אייגעזעהן, אז א קרומע זאך האב איך פיינדט און אז איך קום שוין רעדען א שידוך טרעף איך מיט מזל וואס גוט און וואס גלייך איז!

— אויב אזוי, האט העניך צוגעשטימט רעדט. וואס איהר האט צו רעדען.

— דער סדר העולם איז, האט שמעון אנגעהויבען, אז דער וואס פערלאנגט עפים זאל זאגען וואס ער פערלאנגט. איך וויל פריהער הערן פון אייך וואס זוכט איהר? צו תורה, צו גדולה, צו יחוס, צו א קרן אגוטען? און אפשר גאר דיא אלע מדות און מעלות צוזאמען?

— יעדער מענש וויל, מסתמא, וואס בעסער איז, האט העניך מיט א שמייכעל געאנטווערט, ווילען וויל איך א ודאי די אלע מעלות. נור איך בין דאך א יוד א מאמין בעט איך נור: גאט זאל די בעשערטע זאך צושיקען פאר מיין קינד דורך זיין אמת'ן שליח! ווידער איז דאס ביי מיר א ערשט קינד און טאקי מעהר האב איך ניט, און אין נוטען מוטה וואלט איך באמת ניט וויסען וואס זיך גאר אנצומעסטען. נור איצט ווייס איך א ערך יא, איך האב אבער א טעם בארינגען צו הערן פריהער וואס פאר א ספאדיק מעסט איהר מיך אן.

— זעהר רעכט, איך וועל מיר מיינס זאגען, וועל איך טרעפען איז מה טוב. חלילה ניט, ווי זאגט מען: פאר דעם אנמוטהען קומט קיין פאטש ניט!

— זאגט מיר, ר' העניך, האט ער געפרעגט נאך עטליכע מינוט ישוב הדעת, איהר קענט אונזער גבירה, חייעלען?

— איך קען זי זעהר גוט! האט ר' העניך געאנטווערט, זיין איגעדליכע פרייד און פערוואונדערונג בעהאלטענדיג.

— אויב איהר קענט זיא, קענט איהר מסתמא איהר בתולה, רחלע די יפת תואר? און איהר ווייסט שוין אפשר אז חייעלע איז א אלמנה און וועט בקרוב חופה האבען מיט ר' פנחס'לען? אט טאקי מיט דער חייעלעס באבטער רחלע שתחי' וויל איך אייך מציע זיין פאר אייער בן יחיד, שיחי'.

ר' העניך האט געשוויגען.

— ר' העניך? האט שמעון ווידער א זאג געטהון, איך זאג אייך קיין אנדער ענין קומט מיר גאר אויפ'ן זינען ניט ארויף, האט'ש צווייס זיך, איך קאן איצט קיין שאנערע און בעסערע כלה ניט געפינען! נור זאגען מוז איך אייך, וועלטען אז איהר וועט אויספאהרן זוכען, וועט איהר אפשר געפינען מעהר עשירות, ווייל צו עשירות איז דאך קיין שיעור ניטא, אבער א בעסערע כלה, גאר לא זאג איך אייך!.. וואס זאגט

אִיהר ר' הֶענִיךְ, זָאל אִיךְ רֶעדֶען וַוייטֶער, צוּ נִיט ? – וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ זָאגֶען, ר' שִׁמְעוֹן, הָאט הֶענִיךְ צוּפְרִידֶען אוֹיסְגֶערֶעדְט אוּנ זַיין פָּנִים אִיז לִיכְטִיג גֶעוָוארן, אִיךְ מוּז אַייךְ מוֹדֶה זַיין: אִיהר זַיינְט אָהן אַ עַיִן הָרָע אַ מוּצְלָח.

– דָאס אִיז נִיט מַיין הַצְלָחָה, ר' הֶענִיךְ, הָאט שִׁמְעוֹן עֶרְקְלֶערְט. אָבֶער דֶעם רֶבִּינִ'ס זָאל לֶעבֶען בְּרָכָה הָאט גוֹרֵם גֶעוֶועזֶען אִיךְ זָאל טְרֶעפֶען, אִיךְ בִּין נוּר אַ בְּלִינְדֶער שָׁלִיחַ בַּיי דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, זַיין רָצוֹן בְּרֶענְגְט צוּ מִיר דִי מַחֲשָׁבָה אַריין צוּ זָאגֶען אַזוֹי אוּנ נִיט אַנְדֶערְשׁ.

ר' הֶענִיךְ הָאט גֶעהֵייסֶען אַרייִנְבְּרֶענְגֶען מַשְׁקֶה מִיט פֶערְבַּייסֶען, זֵיי הָאבֶּען בֵּיידֶע עֶטְלִיכֶע לְחַיִּים'ס גֶעמַאכְט, אוּנ הֶענִיךְ הָאט שִׁימֶעלֶען אוֹיסְדֶערְצֶאהלְט זַיין גֶעשְׁפְּרָאךְ מִיט ר' פִּנְחָס'לֶען אוּנ זִיהם מוּטְה אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען צוּ רֶעדֶען דֶעם שִׁידוּךְ טַאקִי וָואהּ הַיינְט אָנְצִיהֵייבֶּען אוּנ מָארְגֶען אִיהם בְּרֶענְגֶען תְּשׁוּבָה. אַז דִי מַשְׁקֶה הָאט שִׁימֶעלֶען שׁוֹין אַ בִּיסֶעל צוּנוּמֶען אוּנ עֶר הָאט גֶעזֶעהן: עֶר רֶעדְט מִיט אַ חָסִיד פוּן אֵיין רֶבִּי'ן אִיז עֶר נִיט פוֹיל גֶעוֶועזֶען צוּ בֶּעטֶען דֶערְוַוייל לַייהֶען עֶטְלִיכֶע רוּבֶּעל.

– וְוִיפִיעל דַארְפְט אִיהר, ר' שִׁמְעוֹן ? הָאט הֶענִיךְ נוּטְמוּטְהִיג גֶעפְרֶעגְט.

– אִיךְ דַארְף אַזוֹי פִיעל וְוִיפִיעל מֶען מוּז הָאבֶּען אַ רֶעכְטֶע צִיג צוּ קוֹיפֶען. הָאט שִׁמְעוֹן גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אִיךְ הָאב מַיין אַלְטֶער פֶערְשְׁפְּרָאכֶען אַ צִיעג צוּ קוֹיפֶען אוּנ זִי אִיז גֶערֶעכְט וָואס זִי מָאהנְט בַּיי מִיר דִי צִיעג.

– וְוייסְט אִיהר וָואס אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען, ר' שִׁמְעוֹן, הָאט הֶענִיךְ אַ עֵצָה גֶעגֶעבֶּען, אִיךְ וֶועל אַייךְ דֶערְוַוייל אוֹיכְלַייהֶען עֶטְלִיכֶע קָארְבְּלֶעךְ עַד לְהֶשְׁבּוֹן, מִיט אַ צִיעג לָאז נָאךְ צַייט הָאבֶּען אַ בִּיסֶעל, אַז אִיהר וֶועט מִיר דֶעם שִׁדוּךְ אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם אוֹיסְפִיהרֶן אוּנ אִיךְ וֶועל קוּמֶען אַהֵיים מִיט פַארְטִיגֶע תְּנָאִים אִין הַאנְד, שִׁיק אִיךְ אַייךְ בְּלִי נֶדֶר דִי בֶּעסְטֶע צִיעג פוּן מַיין אֵייגֶענֶער שְׁטַאדְט, אָבֶער אַ צִיעג, זָאג אִיךְ אַייךְ וָואס אַ צִיעג הֵייסְט !

– זַייט זִיכֶער, ר' הֶענִיךְ, דִי תְּנָאִים זֶענֶען שׁוֹין גְלַייךְ ווי בַּיי מִיר אִין הַאנְד, דִי צִיעג וֶועט אִיהר מִיר דָאךְ שִׁיקֶען בְּמַתָּנָה, נִיט אֶמֶת בְּמַתָּנָה הָאט אִיהר גֶעזָאגְט ? נִיט פַאר שַׁדְכָנוּת.

– בְּמַתָּנָה, בְּמַתָּנָה! הָאט הֶענִיךְ צוּגֶעשְׁטִימְט, אוּנ שִׁמְעוֹן אִיז מָלֵא שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן אַהֵיים אַוֶועק. זֶעהסְטוּ, מַיין וַוייבּ הָאט עֶר גֶעזָאגְט, דֶער מֶענְשׁ וָואס אִיז אַ מַצְלִיחַ דַרְכּוֹ דַארְף נוּר וֶועלֶן אוּנ דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם גִיט אִיהם שׁוֹין וָואס עֶר וְוִיל, וְוִיא דֶער פָּסוּק זָאגְט: וְתִגְזַר אֹמֶר וְיָקָם לָךְ, דוּא דַארְפְסְט נוּר גוֹזֵר זַיין מִיט אַ זָאג אוּנ עֶס וֶועט שׁוֹין וֶוערן!

– אוֹיבּ אַזוֹי, הָאט דָאס וַוייבּ מִיט אַ שְׁמֵייכְעל גֶעאַנְטְוָוארְט. פֶערְדְרִיסְט מִיךְ וָואס דוּ הָאסְט זִיךְ אָנְגֶעהַאפְט אָן דֶער צִיעג, הַלְוַאי וָואלְסְטוּ בֶּעסֶער גֶעזָאגְט אַז דוּא ווילְסְט הָאבֶּען אַ אֵייגֶען קִיהֶעלֶע, פוּן אַ צִיעג, מַיין מַאן, וֶועלֶן מִיר נָאךְ קֵיין קָאז אוּנ פוּטֶער נִיט הָאבֶּען.

– וַוארְט ! הָאבּ צַייט, עֶס וֶועט נָאךְ דָאס אוֹיךְ קוּמֶען ! הָאט עֶר גֶעטְרֶאסְט אוּנ אִיז צוּפְרִידֶען עֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארן.

בַּיי נַאכְט הָאט זִיךְ אִיהם גֶעחָלוֹמְט: עֶר זִיטְצְט צוּם כֵּבֶר, אוּנ זִינְגְט דֶעם נִגוּן

פון חַד גַּדְיָא מִיט מְתִיקוּת אוּנ אַלֶע וָואס הֶערן הָאבֶּען הֲנָאָה פוּן אִיהם. אַז עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ הָאט גֶאנֶעלְוַואסֶער אָבְּגֶעוָואסֶען הָאט עֶר תֵּיכֶּף גֶענוּמֶען דֶעם סִדוּר. אוֹיפְגֶעמִישְׁט דִיא הַגָּדָה אוּנ זִיךְ שְׁטַארְק צוּגֶעקוּקְט צוּ דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם חַד גַּדְיָא. וְאָתָא אוּנ עֶס אִיז גֶעקוּמֶען שׁוּנְרָא אַ קַאטְץ וְאָכְלָה לְגַדְיָא אוּנ הָאט אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען צוּ דִיא צִיגֶעלֶע, אַ יִמַּח שְׁמָהּ זָאל זִי וֶוערן! אַ הָעְזָה אַ בִּיסֶעל, אוֹיפְצוּעֶסֶען מַיין צִיגֶעלֶע!..״ הָאט עֶר אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנ הָאט וַוייטֶער גֶעזָאגְט: וְאָתָא אוּנ עֶס אִיז גֶעקוּמֶען כַּלְבָּא דֶער הוּנְד וְנָשַׁךְ אוּנ עֶר הָאט גֶעבִּיסֶען לְשׁוּנְרָא צוּ דֶער קַאטְץ. דְאָכְלָה וָואס זִיא הָאט גֶעגֶעסֶען לְגַדְיָא צוּ דִיא צִיגֶעלֶע״. אָט אַזוֹי, מַאלָאדְיֶעץ כֶּלֶב! אַ הוּנְד הָאט שְׁטֶאנְדִיג מֶעהר יוֹשֶׁר אִין זִיךְ פַאר אַ קַאטְץ: צִיפֶּע, טְרַייב אַרוֹיס דִי קַאטְץ, הָאט עֶר אַ גֶעשְׁרַיי גֶעטְהוּן צוּ זַיין וַוייבּ. אִיךְ הָאבּ פַיינְט אַ קַאטְץ. זִי קָאן נָאךְ אוֹיפְעֶסֶען אוּנְזֶער צִיגֶעלֶע! וְאָתָא הוּטְרָא וְהִכָּה לְכַלְבָּא, אוּנ עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אַ שְׁטֶעקֶען אוּנ עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם הוּנְד, דְנָשַׁךְ לְשׁוּנְרָא פַאר וָואס עֶר הָאט גֶעבִּיסֶען דִי קַאטְץ. פַאר וָואס? צִיפֶּע, דֶער הוּנְד אִיז גֶערֶעכְט! הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן. עֶר הָאט זִיךְ דָאךְ אָנְגֶענוּמֶען פַאר אוּנְזֶער צִיגֶעלֶע!—עֶס קוּמְט אוֹיס לְהַבְדִיל וְוִי דֶער עוֹלָם זָאגְט: „זַא פְּרַאוְודָא בִּיוּט!״ הָאט צִיפֶּע גֶעאֶנְטְוֶוערְט. נוּר זָאג מִיר מַיין מַאן, הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט. וָואס הָאסְטוּ זִיךְ אִיצְט עֶפִּיס גֶענוּמֶען צוּ דֶער הַגָּדָה?

— אִיךְ הָאבּ אַ חָלוֹם גֶעזֶעהן, הָאט עֶר עֶרְצֶעהלְט. אוּנ אִיךְ ווִיל מִיר פוּן דֶעם חַד גַּדְיָא טַאקִי פּוֹתֵר חָלוֹם זַיין. נוּר דֶער חַד גַּדְיָא אִיז נִיט גֶעזָאגְט גֶעוָוארן וֶועגֶען גְלַאט אַ צִיג. חַד גַּדְיָא מֵיינְט מֶען: דִי כְּנֶסֶת יִשְׂרָאֵל, דִיא שׁוּנְרָא מֵיינְט מֶען אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים, פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ. אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים וָואס ווִילֶען יוּדֶען בֶּאז טְהוּן!...

— וֶועמֶען מֵיינְט מֶען דֶעם הוּנְד? הָאט דָאס וַוייבּ גֶעפְרֶעגְט.

— דֶעם הוּנְד מֵיינְט מֶען: אוּנְזֶערֶע גוּטֶע פְרַיינְד, הָאט עֶר עֶרְקְלֶערְט. אִין שְׁלֶעכְטֶע צַייטֶען, הָאבֶּען מִיר נִיט קַיין גוּטֶע פְרַיינְד וָואס זָאלֶען זַיין בִּבְחִינַת אָדָם. זֵיי זֶענֶען גוּטֶע פְרַיינְד נוּר וואוּ זֵיי קָאנֶען וֶועמֶען בַּייסֶען.... בֶּאֱמֶת אִיז דֶער הוּנְד וֶוערְטְה דֶעם שְׁטֶעקֶען, וָוארוּם מִמָּה נַפְשָׁךְ: בִּיזְטוּ אַ הוּנְד, הָאסְטוּ בֶּעדַארְפְט דָאס צִיגֶעלֶע פֶּערְהִיטֶען אוּנ נִיט צוּלָאזֶען דִיא קַאטְץ זִי זָאל עֶס אוֹיפְעֶסֶען. אָט טַאקִי דֶערְפַאר אִיז גֶעקוּמֶען דֶער שְׁטֶעקֶען אוּנ הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם הוּנְד, פַאר וָואס עֶר אִיז נִיט אַ גֶעטְרַייעֶר הוּנְדְט. אוּנ עֶס קוּמְט נִיט אוֹיס ווִי מֶען זָאגְט: זַא פְּרַאוְודָא בִּיוּט. נִיט זַא פְּרַאוְודָא, אָבֶּער פַאר זַיין שֶׁקֶר, פַאר זַיין הִינְטִישֶׁען סָאוְויֶעסְט יִמַּח שְׁמוֹ. וָואס צוּ אִיהם זַיינֶען גֶעגְלִיכֶען אַלֶע אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים עַד שֶׁיָּבֹא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ, בִּיז דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אַליין וֶועט קוּמֶען אוּנ אָבְּצָאהלֶען אַלֶע אוּנְזֶערֶע אֶמֶתֶ׳ע שׂוֹנְאִים, אוּנ פַאלְשֶׁע אוֹהֲבִים! אָט דָאס מֵיינְט דֶער חַד גַּדְיָא, אוּנ אַזוֹי ווִיא דֶער סוֹף אִיז אַ גוּטֶער, אִיז אַ סִימָן אַז מִיר הָאט זִיךְ גֶעחָלוֹמְט אַ גוּטֶער חָלוֹם אוּנ מִיר וֶועט מַצְלִיחַ זַיין אִיךְ. זָאל אוֹיסְפִירֶען דֶעם שִׁידוּךְ אוּנ בֶּעקוּמֶען פוּן ר׳ הֶעניךְ אַ טְהַייעֶרֶע צִיעֶנ בְּמַתָּנָה. לְבַד שַׁדְכָנוּת וְויפִיעל אִיךְ וֶועל אַליין וֶועלֶען, פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ. מַיין אֵשֶׁת חַיִל!

## ג.

עס איז א שאנער ליכטיגער פריה מארגען געוועזן. ביי נאכט האט גערעגענט, געדונערט אונ געבליצט. אבער מיטן טאג פונקט צום מולד פון ראש חודש תמוז האט זיך דער הימעל אויסגעלויטערט אונ אז רחל'ע האט איהרע אויגען געאפענט האט זיא זיך דערפרעהט א ליכטיגען לויטערן בלויען הימעל צו זעהן, א וואַרעמען אנגענעהמען פרישען וועטער צו פיהלען. נאך מעהר האט זי זיך פערגניגט אז זי איז אין סאד אריין אונ האט דערזעהן, אז דער רעגען אונ געוויטער האבען אלעס אביס געפרישט, די בלימעלעך דערקוויקט אונ זיי קעהרן זיך איצט געגען זונן אונ וואַרעמען זיך אונ טריקענען זיך אונ בליהען אונ וואקסען אין ליכט אונ אין וואַרעמקייט. ווי שאנע טהוי טראפענס אויף זייערע צארטע בלעטלעך האבען זיך איצט טהרערן טראפענס אין איהרע שאנע אויגען בעוויזען. דאס וואַרן ניט טהרערן פון אנגסט, פון א געפיינטען הערצען, אבער טהרערן פון צופרידענהייט, טהרערן פון גליק, וועלכע קומען פון א ליעבענד הערצען בעת א ערקוויקענדער פריה מארגען פיללט עס מיט ליעבע אונ האפפנונג און אין דער נאהענטקייט פון דער שאנער נאטור אונ דאס אויג ערפרעהט זיך מיט אלץ וואס עס זעהט. — צווישען טויזענדער בלומען איז זיא דא אויך ווי א בלום איינגעפלאנצט געוועזן אונ מיט זיי צוזאמען האט זי ליכט אונ וואַרעמקייט אין זיך געשלונגען אונ נאט געדאנקט וואס ער איז אזוי גוט, וואס זיין ליעבע נאטור איז אזוי רייך אונ שאן. ווי די בלימעלעך קעהרן זיך צו דער זאנגע, האטש זי איז וויט אונ הויך פון זייא, אזוי האט זיך איהר ליעבענד הערץ איצט געקעהרט צו יענער געגענד וואו איהר זאנגע שיינט, וואו משה'לע איהר הערצענס געליעבטער לערנט איצט אונ זי איז גליקליך געוועזען נור מיט א שטראהל א ליכטיגען אונ א וואַרעמען, וואס ער שיקט איהר א מאל פון זיין ווייטקייט אין זיינע ליעבע קלוגע בריוועלעך. — א לאנגע צייט איז זיא דא געזעסן אונ דיא זונן האט געלויכט אונ געשיינט, נור פלוצלונג איז דונקעל געוואָרן, א שווארצע שטיק וואָלקען האט די זונן פערשטעלט, עס האט אבער פיעל ניט געדויערט, דער וואָלקען איז אריבער אונ עס איז צוריק ליכטיג אונ העלל געוואָרן. אט אזוי לויפען אפט וואָלקען פינסטערע פארביי מיין ליכטיגער זאנגע, האט זי פאר זיך געזאגט. וואָלקען פינסטערע, מיינע האפנונגען אין מיר צו פערדונקלען...א, איך בעט דיך גאט, היים מיינע הערצענס וואָלקען אזוי גיך פארביי געהן, ווי יענע וועלכע האבען איצט דיא ליכטיגע זונן פון מיינע בלימעלעך פערשטעלט! האט עס ביז איצט נאך ווענינ גערעגענט? האב איך ביז היינט נאך ווענינ געוויינט אונ טהרערען ווי רעגען פערגאסען? זאל שוין גענוג זיין וויינען! איך בין שוין מיט אלעם געוואָהנט, מיט אלץ צופרידען! זאלען מעהר קיינע נייע וואָלקען ניט פערשטעלן מיר דיא זאנע וועלכע איך טראג היילינ אין מיינעם הערצען!.... אויף די אלטע פערוועלקטע בלעטלעך פון פאר יאהרן, וואקסען איצט פרישע יונגע בלומען, לאז אויך די קינדער דא וואקסען אונ געדייהען וואו זייערע עלטערן אונ עלטערנס עלטערן זיינען פערוועלקט געוואָרן!... ניט אנדער ווי די שטומע בלימעלעך, גאט אין הימעל, דארף ביי דיר דער מענש זיין, שיק דיינ

מֹטְס אוּנ חֶסֶד אוֹיף אוּנְז, אוֹיף מִיר. אוֹיף מַיין מֹשֶׁה׳לֶען, אוֹיף מַיינֶע קְלֵיינֶע אוּנְשׁוּלְ־דִיגֶע יְתוֹמִים׳לֶעךְ. מִיר זָאלֶן דָא אִין דֶעם הוֹיז, אִין דֶעם גָארְטֶען רוּהִיג אוּנ צוּפְרִידֶען בְּלַייבֶּען. קֵיינֶע גְרֶאסֶערֶע גְלִיקֶען פֶערְלַאנְגְט מַיין הֶערְץ נִיט פוּן דִיר!...״

אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט װֶען זִיא הָאט דָא גָאט גֶעבֶּעטֶען אוּנ אִיהרֶע הָאפְנוּנְגֶען אִיהם פֶערְטְרוֹיט, אִיז זִיךְ דָארְט בַּיי אִיהר מוּטֶער אִין שְׁטוּב, דָאס קְלֵיין מָאגֶער יוּדֶעלֶע שִׁימֶעלֶע גֶעזֶעסֶען אוּנ צוּ נִי׳שְׁט גֶעמַאכְט אִיהרֶע הָאפְנוּנְגֶען. „עֶר הָאט זִיךְ מִיה גֶע־גֶעבֶּען עֶס זָאל גֶעשֶׁעהֶן װִי עֶר זָאל לֶעבֶּען װִיל, נִיט װִי עֶס װִיל אַ לִיעבֶּענְד הֶערְץ פוּן אַ נַארְרִישׁ מֶאדֶעל. אוּנ זֶעלְבְּסְט גָאט הָאט אִיהם גֶעמוּזְט שְׁװַיינֶען. „גָאט גֶעװֶעלְטִיגְט אוֹיף דֶעם מֶענְשֶׁען, װֶער אָבֶּער גֶעװֶעלְטִיגְט אוֹיף גָאט?״ „דֶער צַדִיק!״ װֶער אִיז דֶער צַדִיק? דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען! מָאג דֶער. װָאס הָאט הִימֶעל אוּנ עֶרְד בֶּעשַׁאפֶען זִיבֶּען מָאל נוֹזֵר זַיין, אַז דֶער צַדִיק װִיל אִיז עֶר זַיינֶע גְזֵרוֹת מְבַטֵל, מָאג נַאטוּר אוּנ רֵיינֶע לִיעבֶּע אַ הֶערְץ צוּ אַ הֶערְצֶען צוּבִּינְדֶען, װִיל דֶער רֶבִּי נִיט – װֶערֶן אַלֶע בִּינְט צֶערִיסֶען...

אוּמְזִיסְט נַארְרִישׁ קִינְד, בֶּעטְסְטוּ גָאט פַאר דַיין לִיעבֶּען מֹשֶׁה׳לֶען! גָאט קָאן דִיר נִיט הֶעלְפֶען, דֶעם רֶבִּינ׳ס דֵעָה אִיז שְׁטַארְקֶער אַלְס דִי דֵעָה פוּן דֶעם אַלְמֶאכְטִיגֶען, אוּנ זַיין דֵעָה זָאגְט אִיצְט שִׁימֶעלֶע אִין רֶבִּינ׳ס נָאמֶען, אַז הֶענִיךְ׳ס זוּהן אִיז דַיין בֶּעשֶׁערְטֶער נִיט מֹשֶׁה׳לֶע װֶעלְכֶען דוּא לִיעבְּסְט.

אוּנ שִׁימֶעלֶע הָאט מִיט הִיטְץ, מִיט שְׁטוּרֶעם גֶערֶעדְט אוּנ אִיז נִיט מִיד גֶעװָארֶען רֶעדֶענְדִיג, הָאטְשׁ חַייֶעלֶע הָאט זִיךְ נִיט שְׁטַארְק גֶעדוּנְגֶען אוּנ הָאט בַּאלְד מוֹדֶה גֶעװֶעזֶען, אַז אַזַא שִׁדוּךְ קָאן זַיין װִי אָנְגֶעמָאסְטֶען; אָבֶּער נִיט דָאס הָאט שִׁימֶעלֶע גֶעװָאלְט: עֶר הָאט ר׳ הֶענִיךְ׳ן צוּגֶעזָאגְט צוּ בְּרֶענְגֶען אַ קְלָארֶע יְדִיעָה אוּנ אִיז נִיט אַ בַּעל׳ן גֶעװֶעזֶען מִיט אַ פוּסְטֶע תְּשׁוּבָה אַװֶעג צוּגֶעהן, װִיא יֶעדֶער שַׁדְכָן בַּיי דֶעם עֶרְשְׁטֶען מָאל אַ שִׁדוּךְ פָּארְשְׁלָאגֶען.

– מִיט װָאס גֶעה אִיךְ אַװֶעג פוּן אַייךְ, חַייֶעלֶע? הָאט שִׁמְעוֹן גֶעפְרֶעגְט אַז אִיהם אִיז שׁוֹין טְרוּקֶען גֶעװָארֶען אִין הַאלְז רֶעדֶענְדִיג אוּנ מְכַוֵון זַיין׳דִיג דָאס גְלִיק װָאס אִיהר קִינְד שְׁטֶעהט דָא פָאר. זָאגְט, יַא. יַא, אָדֶער נֵיין, נֵיין! אַהִין אָדֶער אַהֶער; נוּר מִיר גְלוֹיבְּט זִיךְ נִיט, אַז דִי מְנִיעָה זָאל גָאר זַיין פוּן אַייךְ, חַייֶעלֶע...

חַייֶעלֶע װָאלְט אִיהם פַאר דִי רֵייד בֶּעצָאהלְט, װָאס אִיז? װֶער אִיז זִיא דֶען? פַאר װָאס טַאקִי נִיט דִי מְנִיעָה פוּן אִיהר? ר׳ הֶענִיךְ אִיז רַייךְ? זָאל אִיהם מְקַנֵא זַיין גֶער עֶס אִיז אָרֶעם, זִי אִיז אָבֶּער נִיט אָרֶעם אוּנ קָאן נָאךְ אֶפְשָׁר בֶּעשְׁטֶעהן נֶעגֶען אַנְדֶערֶע גְבִירִים. חוּץ דֶעם אִיז זִי דָאךְ עֶפִּיס חַייֶעלֶע, אוּנ אִיהר קִינְדְ׳ס טַאטֶע אִיז עֶפִּיס אוֹיךְ נִיט גֶעװֶעזֶען אַ יוּד װָאס לָאזְט זִיךְ אָבְּקוֹיפֶען אַזוֹי גְרִינְג מִיט אֵיין װָארְט – זִי װָאלְט שִׁימֶעלֶען בֶּעװִיזֶען װִי מִיט דֶרֶךְ אֶרֶץ צוּ רֶעדֶען מִיט אִיהר, נוּר צוּ זַיין גְלִיק הָאט זִי גָאר נִיט גֶעהֶערְט װָאס עֶר הָאט גֶערֶעדְט. זִי אִיז פֶערְטְרַאכְט גֶעװֶעזֶען. אַלְטֶע לַאנְג פֶערְגַאנְגֶענֶע טֶאג הָאבֶּען אִיהר זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג דֶערְמָאנְט. זִי הָאט אִיצְט יֶענֶע יָאהרֶן גֶעזֶעהן, װֶען אַ שַׁדְכָן אִיז צוּ אִיהרֶע עֶלְטֶערְן גֶעקוּמֶען פַאר אִיהר אַ שִׁדוּךְ רֶעדֶען, עֶר הָאט גֶערֶעדְט, מֶען הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט, װָאס גֶעעֶנְטְפֶערְט? דָאס הָאט זִיא דַאמָאלְס נִיט גֶעהֶערְט, נוּר זִי װֵייס, אַז אִין אַ װָאךְ אַרוּם אִיז דֶער שַׁדְכָן נָאךְ אַ מָאל גֶעקוּמֶען, אוּנ הָאט װִידֶער גֶערֶעדְט, מֶען הָאט אִיהם װִידֶער עֶפִּיס װָאס

געאֶנטװערט. ער איז אַװעג געגאַנגען. אין עטליכע טאג װידער געקומען און אַז האט ער גערעדט, מען האט איהם געאֶנטװערט. ער פלעגט אַװעג געהען, קומען, קומען און װידער אַװעג געהען ביז עס איז אַ גאַנץ יאהר אַריבער געגאַנגען און זיא האט אָפט דאָמאָלס געהערט זאָגענדיג: זי, חײַעלע שטעהט שוין אין שדוכים. דיא עלטערן פלעגען צװישען זיך סודות רעדען. אָפט פלעגט זיא חאפען אַ װאָרט און זי האט גוט געװאוסט. אַז דער שדוך װאס דער שדכן רעדט געפעלט איהר טאטע מאמען זעהר. ער געפעלט אויך דעם חתן'ס צד. װעגען נדן איז אויך קיין מניעה ניט. אַלץ געהט כשורה. דאכט זיך. נאר קיין מניעה ניטא און פונדעסטװעגען ציהט זיך עס עפּיס װי פון פעך... זיא װאָלט גערן װעלן װיסען װער איז דער חתן? װאס איז ער? און נאר גישט. דער שדכן קומט און געהט אַװעק שוין געװיס אַ הונדערטען מאָל. זי האט זיך אויך דערמאָנט װי איינמאָל איז דער שדכן צוגעשטאַנען מען זאָל איהם אַ קלאָרע תשובה געבען ער זאָל שוין ניט ברויכען מעהר זײַנע פיס ברעכען. זײַנע שטיװעל רײַסען, געהן און געהן און צו קיין טאָלק ניט קומען. אָט האט איהם איהר מוטער עליה השלום בעצאהלט. װי רעדט עס נאר אַזוינס אַ יוד װאס האט נאט אין האַרצען? האט זי דאָמאָלס געשריען פון כעס. אַ װײַטיג איז מיר. אַ קוה פון שטאַל אַז אַ בעלהבית'טע פערקויפט. פערקויפט זיא אויך ניט מיט אַזא גרינגען געמיטה און איז זיך פריהער גוט מיישב. בפרט אַ קינד. אַ טהייער קינד אויסגעבען פון זיך... װיא רעדט מען נאר אַזוינס? װי טהוט מען דאס אָפּ אַזא װיכטיגע זאַך אויף איין פוס?... לאָז צייט זײַן. נישקשה. זיא װעט נאך צייט האבען אָנצוקומען צו אַ שװיגער....' און עס איז נאך אַ האלב יאהר אַריבער. דערנאך איז זי אַ גאַנץ יאהר אַ כלה געװעזען. ענדליך איז אויך די חתונה געװעזען און צװייא װאכען איז זי אומגעגאַנגען. נאך דער חתונה, געזעגענען זיך מיט קרובים. מיט שכנים. מיט בעקענטע. נאהענטע און װײַטע. און װיפיעל האט זיא געװיינט און װיפיעל טהרערן זענען פערגאסען געװאָרן ביז דעם טאג װאס זי איז מיט איהר מאַן אין איהר נײַען היים געקומען — און איצט אָט איז דער ערשטער שדכן צום ערשטען מאָל נור אַרײַנגעקומען. קוים צװיי שעה גערעדט און בײַ איהר איז שוין רעכט מסכים צו זײַן און שוין זאָגען אַ קלאָרע תשובה? אך. װי קאָן מען עס? װי פערלאַנגט עס נאר זעלבסט דער מחותן װאס ער איז אויך געװיס אַ טאטע פון אַ קינד און װייס װי טהייער אַ קינד איז?...' אין אַזעלכע געדאַנקען איז זי געזעסען און כמעט אַ צעהנט װאָרט ניט געהערט פון אַלץ װאס שימעלע האט דאָ מגזם געװעזן. שימעלע אָבער האט זי לאַנג ניט געלאָזט טראַכטען און האט איהר געװיזען. אַז זי װעט חרטה האבען. װאָרום אויב ניט הײַנט אַ קלאָרע תשובה פאהרט ר' העניך אַװעק און מאַכט אַ תנאים מיט אַ קיעװער גביר. װאס דער רבי זאָל לעבען איז אויף איהם נאך מעהר מסכים אַלס אויף דעם שדוך מיט איהר רחל'ען.

— אָבער ר' שמעון. האט חײַעלע געפרובט חאטש אָבלעגען די זאַך ביז מאָרגען. איהר פערגעסט. די כלה איז אַ יתומה. זי האט אַ פעטער. איך בין כסך הכל ניט מעהר װיא אַ אשה... װעה איז מיר ניט. װיא אַזוי זאָל איך עס? װיא אַזוי טאָהר איך עס אַזוי מסכים זײַן צום ערשטען װאָרט און בײַ איהם נאר ניט פרעגען?

– עָלַי וְעַל צַוָארִי, זָאג אִיךְ אַייךְ, הָאט שִׁמְעוֹן אוֹיסְגֶערֶעדְט, אִיהם וֶועט גְעווים גֶעפֶעלֶען, אָבֶּער זָאגְט אִיהר מִיר נוּר, צוּ גֶעפֶאלְלְט נוּר דֶער עֶנֶין אַייךְ?

– דֶעם אֶמֶת זָאגֶענְדִיג, הָאט זִי גֶעאֶנְטְוֶוערְט, גֶעפֶאלְט מִיר, מִיר מוּז גֶעפֶאלְן, וַוייל עֶר גֶעפֶאלְט אִיהם זָאל לֶעבֶּען, וְוי זָאל אִיךְ נָאר פוּן מַיין מוֹיל אַרוֹיס לָאזֶען אַזַא וָוארְט אוּנ זָאגֶען: אִיךְ בִּין קְלִיגֶער פַאר אִיהם זָאל לֶעבֶּען, אוּנ מִיר גֶעפֶאלְט נִיט? בִּפְרַט ר׳ פִּנְחָס׳ל וִויל אַזוֹי, אָבֶער נָאט וַוייס צוּ וֶועט דָאס דֶער כַּלָה גֶעפֶאלֶן, צוּ וֶועט הָאטְ׳שׁ מַסְכִּים זַיין דֶערְצוּ אִיהר פֶעטֶער?

– אַייעֶר רָחֶל׳ע אַזַא יָאהר מִיר, וָואס פַאר אַ קְלוּג קִינְד זִי אִיז! הָאט שִׁימֶעלֶע אַיינְגֶעוויזֶען, זִי וֶועט דִי טְהַייעֶרֶע מַתָּנוֹת דֶעם מְחוּתָּנ׳ס דֶערזֶעהְן, וֶועט זִי פֶערְשְׁטֶעהְן וָואס פַאר אַ גְלִיק דָאס אִיז פַאר אִיהר; דֶערְמָאנְט אַייךְ נוּר, אַיינֶעגֶע שְׁטַאדֶעס, צִיעגֶען, שֶׁעפְּסֶען אוּנ קִיה; אַיינֶעגֶע פֶעלְדֶער אוּנ וָואלְדֶער, מַאיָאנְטֶקֶעס גַאנְצֶע אַיינֶעגֶע? נָאר אַ קְלֵיינִיגְקַייט מֵיינְט אִיהר אִיז ר׳ הֶענִיךְ! ר׳ שְׁלמה אִיז אַ יוּד אַ חָסִיד אַ מַאֲמִין, אוּנ עֶר וֶועט גֶעווים נִיט גֶעגֶען זַיין דֶעם רֶבִּינ׳ס עֵצָה אוּנ דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם׳ס רָצוֹן, אָט וֶועט אִיהר זֶעהְן, מַיין הַצְלָחָה וֶועט זַיין דַארִין אוֹיךְ, עֶס זָאל אוֹיסְגֶעפִיהרְט וֶוערְן מִיט מַזָל!

– הַלְוַאי זָאלְט אִיהר אֶמֶת זָאגֶען! הָאט חַייֶעלֶ׳ע צוּגֶעוואוּנְשֶׁען, אַייךְ אִיז גְרִינְג צוּ זָאגֶען וַוייל אִיהר וֵוייסְט נִיט, ר׳ שִׁמְעוֹן, וואוּ מִיר מַיין שׁוּךְ קְוֶועטְשְׁט....

– וָואס מִיר שׁוּךְ, עֶס וֶועט גוּט זַיין! הָאט עֶר פֶערְזִיכֶערְט, אַבִּי אִיךְ הָאבּ בַּיי אַייךְ פּוֹעֵל גֶעוֶועזֶען, מָאג אִיךְ בֶּעטֶען הַיינְט דֶעם מְחוּתָּן ר׳ הֶענִיךְ׳ן קוּמֶען אַ הֶערְצֶער אוֹיף טְהֵיי? זָאל ר׳ שְׁלמה אוֹיךְ זַיין, אִיהר וֶועט אַייךְ דוּרְכְרֶעדֶען, וֶועט אִיהר הָארְן, מִסְתָּמָא וֶועט אִיהר זִיךְ דָאךְ רִיכְטֶען אוּנ צוּגְרֵייטֶען אַ פַיינֶעם טְרַאקְטַאמֶענְט?

חַייֶעלֶ׳ע הָאט נָאךְ גֶעוָואלְט עֶפִּיס אַיינְוֶוענְדֶען, אָבֶער שִׁימֶעלֶע הָאט שׁוֹין נִיט גֶעוַוארְט אוֹיף אִיהר תְּשׁוּבָה אוּנ אִיז אַוֶועק גְלַייךְ צוּ הֶענִיכְ׳ן, אִיהם גֶעזָאגְט, עֶס גֶעהְט אוֹיף אַ לַאד אוּנ מֶען בֶּעט אִיהם אוֹיף טְהֵיי אִין אָבֶענְד.

חַייֶעלֶ׳ע אִיז זִיטְצֶען גֶעבְּלִיבֶּען וִויא צוּמִישְׁט, אִיהר הֶערְץ הָאט אִיהר בַּאנְגֶעטְהוּן אִיהר עֶרְשְׁט קִינְד אַזוֹי גִיךְ צוּ פַּטְר׳ן אוּנ זִיךְ נָאר נִיט דִינְגֶען אַ הַאלְבּ יָאהר וֶועגִינְקְסְטֶען, וְוי עֶס פִיהרְט זִיךְ צְווִישֶׁען רֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען. זִי הָאט אוֹיךְ אַ מִינוּט אִיהר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם מַאן דֶערְמָאנְט אוּנ אַ וַוארִימֶער טְהְרֶער הָאט זִיךְ נִיט פִיהלֶענְדִיג אִיבֶּער אִיהרֶע בַּאקֶען אַרָאפּ גֶעקוּיקֶעלְט אוּנ אוֹיף אִיהר הַאנְד אַרָאפְּגֶעפַאלֶען. נוּר דִי מִינוּט הָאט מֶעהר וְוי אַ מִינוּט נִיט גֶעדוֹיעֶרְט, בַּייעֶ בִּילְדֶער, בַּייעֶ גְלִיקֶען הָאבֶּען זִיךְ וְוי פוּן אַצוּיבֶּערְקְרַאפְט צוּגֶעטְרָאגֶען אוּנ הָאבֶּען אִיהרֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעדַאנְקֶען צוּיָאגְט: דֶעם רֶבִּינ׳ס הוֹיף... ר׳ פִּנְחָס׳לס וַוייבּ... ר׳ הֶענִיךְ דֶעם גְרוֹיסֶען עוֹשֶׁר׳ס מְחוּתֶּנֶת׳טֶע... אִיהר רָחֶל׳ע זִיצְט אִין כָּל טוּב, אַיינֶעגֶע פֶעלְדֶער אוּנ וָואלְדֶער, פָארְט אִין אַיינֶעגֶע קַארֶעטֶען, אוּנ אַז זִי וֶועט אַ מָאל קוּמֶען צוּ דֶער מַאמֶען צוּ גַאסְט, וֶועט קָאכֶען דֶעם רֶבִּינ׳ס הוֹיף, זִיא וֶועט שְׁטָאלְצִירֶען קָאגֶען מִיט אִיהר קִינְד גֶעגֶען דֶעם רֶבִּינ׳ס שְׁנִיר אוּנ טָאכְטֶער, וְוער וֶועט צוּ אִיהר נָאךְ גְלַייךְ זַיין דַאמָאלְס?

אִין אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט זִיא גֶעפַאנְטַאזִירְט אַ הַאלְבּ שָׁעָה, אַז זִי הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְט פוּן אִיהר בֶּעטְרַאכְטֶקַייט הָאט זִיא זִיךְ דֶערְמָאנְט אַז שִׁמְעוֹן הָאט

געזאָגט: ער נעהט בעטען ר' הענידן אַ הערצל אויף מהיי און זי האט קיין צייט געהאַט אויסצורעדען ער זאָל עס ניט טהון... „מסתמא דארף אַזוי זיין!" האָט זי גע־קלערט, מסתמא איז בעשערט אַזוי... לאָז דער רבונו של עולם חסד מהון און פירען ווי איהם געפעלט..."

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיא געהייסען צוקלויבען די צימערן. מען האָט אויף די פענסטער ווייסע נאַרדינגען אויפגעהאָנגען, די ווייכע מעבעל מיט נייע ציכען איבערגעצויגען, און אַז יעמאַנד האָט געפרעגט: וואָס איז היינט פאַר אַזאַ יום טוב? האָט חייעלע געענטפערט: „אַ מחותן דארף קומען, ער וועט אייך לאָזען אַ שאַנע אַטיעזשענע".

אין קיך וואו די אַלטע פייגע האָט געהערשט און געוועלטיגט האָבען אַלע, פייגען צו ליעב, שוין לאַנג מסכים געוועזען, אַז רחלע איז שוין אַ כלה פאַר משהלען, אויך בערעלע שפּאַק האָט נאָך עד היום מ'שהלעס נגון פון דער הבדלה ניט פערגעסען, דאַריבער האָט זיי גאָר ניט געקאָנט איינפאַלען אַז חייעלע מיינט עס: אַ מחותן פאַר רחלען און אַז רחלע איז אַריינגעקומען, דערזעהן וואָס פאַר אַ איבערקעהרעניש דאָ אין שטוב איז געוואָרן און האָט ביי דער אַלטער פייגען געפרעגט: צו ליעב וואָס און וועמען מאַכט מען דאָ אַזאַ פאַראַד? האָט די אַלטע איהר געזאָגט:

— מיין ליעבע רחלע, זאָל דיך ניט פערדריסען, דוא זעהסט דאָך, עס איז משמים אַזוי, מסתמא דארף אַזוי זיין! איך ווייס ניט קלאָר, צו ר' פנחס'ל אַליין אָדער אַ ברודער זיינער דארף קומען, די מאַמע האָט געזאָגט: „דער מחותן דארף קומען", זיי אַ גוט קינד, בעהאַלט דיין וועהטיג און נעהם עס אָן פאַר גוט! איך האָב עס ניט געוואָלט דערלעבען. אָבער אַז מען לעבט דערלעבט מען אפילו וואָס מען וויל עס ניט!....

„פייגע איז גערעכט!" האָט רחלע צו זיך געזאָגט, נאָך דעם זי האָט זיך אויסגעוויינט אין איהר צימער, איך מוז דער מוטער ווייזען, אַז איך בין צופרידען מיט אַלץ וואָס זי טהוט, איך פערלאַנג פון איהר זי זאָל מיר מיין גליק פערגינען, פאַר וואָס זאָל איך איהר ניט פערגינען איהר פרייד און גליק?

נאָך דיזער איבערלעגונג האָט זיא פערטריבען פון איהר פנים דעם טרויעריגען וואָלקען וואָס האָט איהר אָנפאַנגס בעדעקט און זיך מיה געגעבען צו ווייזען, אַז איהר איז ליעב און גוט אַזוי ווי עס מאַכט זיך. אַז חייעלע האָט בעמערקט ווי רחלע העלפט אויך צופוצען די שטוב, האָט זי געקלערט: מסתמא ווייס זי שוין ווער דער גאַסט וועט זיין און איז צופרידען, אַז ניט וואָלט זי דאָך ניט צוהעלפען אַזאַ פאַראַד מאַכען.

איצט, מיין טאָכטער, זעה איך, האָט זי געזאָגט, אַז איך האָב נאָך דיין גוט האַרץ ניט געוואוסט אין גאַנצען, איצט ווייס איך, אַז גאָט האָט מיין צער צוגעזעהן און איך וועל נאָך פיעל נחת פון דיר דערלעבען...

— מוטער, גלויב מיר, האָט רחלע גערירט אויסגערעדט, איך בין ניט שולדיג געוועזען, מיין הערץ איז פאַרט צובראָכען אין מיר, דוא ווייסט דאָך ווי טהייער ער איז מיר געוועזען, ווי ליעב איך האָב איהם געהאַט! גאָט פערגעסט זיך

אַזוֹי נִיךְ נִיט ... אַלְס יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער גְלוֹיבּ אִיךְ, אַז מִיט נָאטֶעס ווִילֶען טְהוּט זִיךְ אַזוֹי ... פֶערְצַייהֶע, אִיךְ וֶועל זִיךְ מִיה גֶעבֶּען דִיר אַ טְרַייֶע טָאכְטֶער צוּ זַיין אוּנ קֵיין פֶּערְדְרוּס אוּנ צַעַר דִיר חָלִילָה נִיט פֶערְאוּרְזַאכֶען.

חַייֶעלֶע, הָאט גֶעמֵיינְט: דָאס רֶעדְט זִי פוּן משֶׁה'לֶען אוּנ הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז דָאס אִיז אַ בֶּעשֶׁערְטֶער שִׁדוּךְ פוּן גָאט, וָוארוּם נָאךְ אֵיידֶער זִיא הָאט מִיט אִיהר צְוֵוייטֶער אִיבֶּערְגֶערֶעדְט, אִיז זִי שׁוֹין צוּפְרִידֶען אוּנ גֶעהמְט זִיךְ נָאךְ פָאר שְׁטֶאנְדִיג אִיהר צוּגֶעהָארְכֶען אוּנ פָאלְגֶען ווִי אַ טְרַייֶע טָאכְטֶער. זִי הָאט זִי צוּ אִיהר הֶערְצֶען צוּגֶעדְרִיקְט, בֵּיידֶע הָאבֶען גֶעוֵויינְט, בֵּיידֶענְס טְהרֶערֶען הָאבֶען זִיךְ צוּמִישְׁט, ווִי פֶערְשִׁידֶען אָבֶער זֶענֶען דִי קְוֶועלֶען גֶעוֶועזֶן פוּן דִיזֶע טְהרֶערֶען! ....

חַייֶעלֶע הָאט אִיהר אַלֵיין אִיהרֶע שֶׁאנֶערֶע קְלֵיידֶער צוּגֶעטְרָאגֶען אוּנ גֶעבֶּעטֶען זִי זָאל זִיךְ אִיבֶּער טְהוּן, ווִי עֶס פַּאסְט פַאר אִיהר קִינְד בְּעֵת אַ מְחוּתָּן אַזַא גְבִיר בְּרוּךְ קוּמֶען: רָחֶלֶ'ע הָאט אוֹיף שְׁלֶעכְטְס נִיט גֶעקְלֶערְט אוּנ הָאט דֶער מוּטֶער צוּ לִיעבּ זִיךְ בַּאלְד אִיבֶּערְגֶעטְהוּן; נוּר אַז זִי אִיז צוּם שְׁפִּיגֶעל צוּגֶעגַאנְגֶען הָאט זִי פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט זִיךְ פֶערְשֶׁעמְט אַזוֹי אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט זִיךְ צוּ זֶעהן אִין אַ מִטְען מִיטְוָואךְ.

פֶערְצַייהֶע לִיעבֶּער פָאטֶער, הָאט זִי אוֹיסְגֶערֶעדְט, פֶערְצַייהֶע דַיין טָאכְטֶער, וֶועלְכֶע טְהוּט אוֹיס אוֹיף אַ וַוייל אִיהרֶע טְרוֹיעֶרְקְלֵיידֶער וָואס זִי טְרָאגְט נָאךְ דִיר אוּם אִיהר מוּטֶער גֶעהָארְכְזַאם צוּ זַיין! ..... דוּא אַלֵיין ווֵייסְט ווִי שְׁוֶוער דִיזֶע שֶׁאנֶע קְלֵיידֶער הֶענְגֶען יֶעטְצְט אוֹיף מִיר אוּנ מַיין בֶּעטְרִיבְּט הֶערְץ זֶעהְסְטוּ פָאטֶער, זֶעלְבְּסְט אוּנְטֶער דִיזֶע צִירוּנְג...פֶערְצַייהֶע פָאטֶער, אוֹיךְ מַיין מוּטֶער, בֶּעט גָאט פַאר אִיהר, דֶען זִי אִיז דָאךְ דִי לִיעבֶּע מוּטֶער פוּן דַיינֶע עֶלֶענְדֶע יְתוֹמִים! ...

חַייֶעלֶע הָאט גֶעשִׁיקְט רוּפֶען ר׳ שְׁלמהן אוּנ הָאט אִיהם אוֹיסְדֶערְצֶעהלְט אַלֶע אֵיינְצֶעלְנְהֵייטֶען אוּנ אִיהם גֶעבֶּעטֶען: זַיין אַ טְרַייֶער פֶעטֶער אוּנ פָאטֶער אִיהר עֶלֶענְדֶער יְתוֹמָה אִיהר בַּייצוּשְׁטֶעהן אִין אִיהר נוֹיטְה, דָאס הֵייסְט: זַיין הַסְכָּמָה גֶעבֶּען דֶערְצוּ. אַז ר׳ שְׁלמה, הָאט דֶערְהֶערְט אַז דִי רֶעדֶע אִיז פוּן אַ שִׁדוּךְ פַאר רָחֶלֶ'ען, הָאט אִיהם דָאס הַארְץ פֶערְקְוֶועטְצְט אוּנ הָאט בַּאלְד זַיין שְׁטֶעקֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זוּכֶען צוּרִיק אַהֵיים צוּ גֶעהֶען.

וָואס זוּכְט אִיהר, שְׁוָואגֶער? הָאט חַייֶעלֶע גֶעפְרֶעגְט אוּנ הָאט אַלֵיין אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זוּכֶען, נִיט ווִיסֶענְדִיג וָואס זִי זוּכְט.

— מַיין שְׁטֶעקֶען זוּךְ אִיךְ, הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט קַאלְט אוּנ טְרוֹיעֶרִיג. אִיךְ ווִיל דֶערְבַּיי נִיט זַיין, ווִי מֶען צוּשְׁטֶערְט דֶעם ווִילֶען פוּן אוֹיסְגֶעלַייטֶערְטֶען פָאטֶער. טְהוּ, חַייֶעלֶע, ווִי דוּ ווִילְסְט. אִיךְ ווִיל דֶעם מְבַשֵּׁל אוֹיף מַיין אַלְטֶען קָאפּ מִיר נִיט נֶעהמֶען! ...

— שְׁוָואגֶער, פַאר וָואס זָאלְט אִיהר אַזוֹי זִינְדִיג זַיין גֶעגֶען רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם? הָאט חַייֶעלֶע אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן, דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען אַלֵיין הָאט ר׳ הֶענִיךְ'ן גֶעשִׁיקְט אַהֶערְצוּ. אוּנ הָאט מַבְטִיחַ גֶעוֶועזֶן, אַז אִיצְט אִיז דִי מַזָל'דִיגֶע שָׁעָה דֶער שִׁדוּךְ זָאל אוֹיסְגֶעפִיהרְט וֶוערֶן! זֶעהט אַלֵיין ווִי הֵיילִיג זַיינֶע ווֶערְטֶער זֶענֶען, וָואלְט אִיךְ עֶס מִיר נָאר אַ מָאל פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אַז רָחֶלֶ'ע וֶועט צוּם עֶרְשְׁטֶען וָוארְט מִיךְ מְחִילָה בֶּעטֶען אוּנ מִיר זָאגֶען אַז זִי אִיז צוּפְרִידֶען? נָאר חֶסֶד אִיז מִיט אוּנְז אוּנ עֶר הָאט אִיהר הַיינְט אַזָא

קְלָארֶע דֵעָה אוּנ רֵיינֶע מַחֲשָׁבָה צוּגֶעשִׁיקְט. מִסְתָּמָא אִיז אִיהר דָאךְ בֶּעשֶׁערְט זִי זָאל בְּלֵייבֶּען אַ כָּשֵׁר קִינְד, אַ פְרוּמֶע אוּנ אַ גוּטֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער!

— אִיךְ גְלוֹיבּ נִיט, וָואס אִיךְ הֶער. הָאט עֶר פֶערְוואוּנְדֶערְט אוֹיסְגֶערֶעדְט.

אִין דֶער מִינוּט אִיז רָחֶלֶ'ע דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דֶעם צִימֶער ווּאוּ אִיהר מוּטֶער מִיט אִיהר פֶעטֶער זַיינֶען גֶעזֶעסֶען. זִי הָאט זִיךְ פַאר אִיהם פֶערְשֶׁאמְט אַזוֹי גֶעפּוּטְצְט אִין אִיהר טִיפֶען טְרוֹיעֶר זִיךְ צוּ וַוייזֶען אוּנ הָאט אִיהם נוּר פוּן וַוייטֶען גֶעגְרִיסְט אוּנ אִיז אִין זַאאל אַרַיין.

— אַ עַם לֹא הָיָה, זֶענְט אִיהר נָשִׁים! הָאט עֶר מִיט כַּעַס אוֹיסְגֶערֶעדְט, אַיי עֶר דֵעָה אִיז גְרִינְגֶער פוּן קְלַייעֶן. „נֵיין" אוּנ „יוֹא" אִיז בַּיי אַייךְ אַלְץ אֵיינְס, הַיינְט וַויים אַייךְ אַ דֵעָה צוּ זָאגֶען!... הֶערְסְטוּ, דִי אֵיינְגֶעגֶע רָחֶלֶ'ע הָאט גֶעוֵויינְט פַאר מִיר אוּנ הָאט גֶעשְׁוָוארְן, אַז גִיכֶער וֶועט זִי אִין דֶער עֶרְד אַ יוּנְגֶע אַרַיין, אֵיידֶער מֹשֶׁה'לֶען פֶערְגֶעסֶען אוּנ חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט אֵיין אַנְדֶערְן. אוּנ וָואלְט אִיךְ זִיא אִיצְט מִיט מַיינֶע אוֹיגֶען נִיט זֶעהְן וִוי אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט זִי אִיז צוּ לִיעבּ דֶעם מְחוּתָּן, וָואלְט אִיךְ דִיר נִיט גְלוֹיבֶּען וֶוען דוּא זָאלְסְט מִיר שְׁוֶוארְן פוּן הַיינְט בִּיז מָארְגֶען. זָאג מִיר, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, זִי הָאט דִיר אַלֵיין גֶעזָאגְט, זִי וִויל ר' הֶענִיךְ'ס זוּהְן?

— אַזוֹי פֶערְשַׁייט אִיז מַיין קִינְד נָאךְ נִיט, הָאט חַייעֶ'לֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט. זִיא וֶועט נִיט זָאגֶען: אִיךְ וִויל דֶעם חָתָן. וֶועלְכֶעס מֵיידֶעל לָאזְט אַזַא וָוארְט אַרוֹיס פוּן מוֹיל? אָבֶּער אִיז נִיט גֶענוּג בֶּעוַוייז אַז זִי ווִיל אוּנ אִיז צוּפְרִידֶען, דָאס וָואס זִי הָאט מִיךְ מְחִילָה גֶעבֶּעטֶען הַיינְט? זָאל אִיךְ מִיר אַזוֹי בַּיי דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אוֹיסְבֶּעטֶען אַלְל דָאס גוּטֶס אוֹיף זִיךְ אוּנ אוֹיף אַלֶעמֶען וָואס מִיר אִיז לִיעבּ! זֶעהְט אִיהר נָאךְ נִיט גָאטֶעס חֶסֶד אִין דֶעם?

— אִיךְ קָאן פוּן זִינֶען אַרָאפּ פוּן אַלְץ וָואס אִיךְ הֶער. הָאט עֶר אוֹיסְגֶערֶעדְט. אִיז דָאס אַלְץ אֱמֶת אוּנ גָאט בֶּעוַוייזְט אוּנְז אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע נִסִּים חָאטְשׁ מִיר זֶענֶען זַיי גָאר נִיט וֶוערְטְה?

— דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען, טְהוּט פַאר אוּנְז, הָאט חַייעֶ'לֶע עֶרְקְלֶערְט. עֶר אַלֵיין הָאט מִיר גֶעזָאגְט. עֶר וֶועט צוּ מַיינֶע קִינְדֶער בֶּעסֶער וִוי אַ לַייבְּלִיכֶער פָאטֶער זַיין. וָואס וואוּנְדֶערְט אִיהר אַייךְ? מִסְתָּמָא אִיז דָאךְ דָא זְכוּת אָבוֹת אוֹיךְ דֶערְבַּיי!

— יָא, יָא. נוּר זְכוּת אָבוֹת! הָאט עֶר צוּגֶעשְׁמֵיכְט. אִיךְ מוּז קוּקֶען אוּנ שְׁוַוייגֶען. אִיךְ וֶועל נִיט קַיילֶע מַאכֶען. ר' הֶענִיךְ אִיז בֶּאֱמֶת אַ נְגִיד אַ יוּד, גְלִיקְלִיךְ וֶועט זִיא זַיין פַאר זַיין בֵּן יָחִיד. דָאס אִיז אֱמֶת, נוּר דָאס הָארְץ טְהוּט מִיר וֶועה אוֹיף דֶעם בֶּן סוֹרֵר מַיינֶעם: אוֹיף מֹשֶׁה'לֶען. וֶועלְכֶער וֶועט שׁוֹין נָאךְ דֶעם אַוֶועק אִין בְּרֵייטֶען וֶועג אוּנ מִיר וֶועלֶן אִיהם פֶערְלִירְן אוֹיף אֵייבִּיג.... אֶפְשָׁר אִיז אַזוֹי גְלַייכֶער, גָאט אִיז גֶערֶעכְט. אִיךְ מוּז קוּקֶען אוּנ שְׁוַוייגֶען!

— נֵיין, אִיךְ וִויל אִיהר זָאלְט אוֹיךְ מַסְכִּים זַיין! הָאט זִי פֶערְלַאנְגְט. אִיהר זַיינְט דֶער כַּלָּה'ס אֵיינְצִיגֶער פֶעטֶער, וֶוער דֶען וֶועט זִיךְ מִיט אַ דֵעָה אַרוֹיסְשְׁטֶעלֶען אַז נִיט אִיהר?

— אַז מֶעדְר וִוי מַיין הֶסְכֵּם וֶועט נִיט פֶעהלֶען, וֶועל אִיךְ מַסְכִּים זַיין. הָאט עֶר שֶׁרְלִיךְ נָאכְגֶעגֶעבֶּען זֶעהר אוּנְצוּפְרִידֶען.

ער האָט רחל'ען אַ פּאָר מאָל געזעהן דורכגעהענדיג, און איינמאָל האָט זי אפילו געוואָלט צוגעהן צו איהם; אָבער זיין הערץ האָט געקאָכט פון כעס אויף איהר לייכטזיניגקייט, וויא ער האָט געמיינט, און ער האָט זיך פון איהר אָבגעקעהרט. זי האָט געפיהלט, אַז איהם איז ניט צום מוטה רעדען איצט מיט איהר; זי האָט אָבער געקלערט: ער איז אַזוי אומעטיג, וואָס ער דאַרף אַ מחותן זיין אויף אַזאַ טרויעריגע שמחה. זי האָט איהם טראַסטען געוואָלט; אָבער זי האָט מורא געהאַט, ער זאָל ניט אנהייבען וויינען ווי זיין שטייגער איז. דאַריבער האָט זי פאַר בעסער געפונען איצט מיט איהם ניט צו רעדען, דער מוטערס שמחה ניט צו פערשטערן.

ר' שלמה האָט געהייסען אַריינרופען די מענשען פון זאַוואָד צו אַ מנין, מען זאָל דאָ מעריב דאַווענען און די קינדער זאָלען קאָנען קדיש זאָגען. שימעלע איז אויך געקומען, אין זיין לאַסטינגער גרינע־קאַפּאָטע מיט זיין שבת'דיגען היטעל. עס האָט נאָך געפעהלט אַ צעהנטער צום מנין, און ר' העניך איז אָנגעקומען צו דער רעכטער מינוט. ר' שלמה האָט איהם שלום עליכם געגעבען און האָט עס פאַר אַ סימן אָנגענומען, אַז גאָט האָט איהם געבראַכט, משלים צו זיין דעם מנין און דאָס וועט אויף גוטס.

בעת מען האָט דאָ מעריב אָבגעדאַווענט, האָט מען אין זאַאל און אין גאַסטינגע אָנגעצונדען אַלע ליכט און לאָמפּען. אַז רחל'ע האָט נאָך מעריב דערזעהן ווי מען האָט ר' העניך'ן אַריינגעבעטען מיט כבוד אין גאַסטינגע אַריין, האָט זי געמיינט: מסתמא איז ער אַ ברודער אָדער אַ נאָהענטער קרוב ר' פנחס'לס, און איז צופרידען געוועזען וואָס ניט ר' פנחס'ל אַליין איז געקומען. זיא האָט זיך עפּיס פרייער אָנגעהויבען פיהלען.

ווי אין יענע אוראַלטע, אין וואונדער רייכע־צייטען, האָט אַברהם'ס קנעכט זיין וואונדער געשיכטע ערצעהלט פאַר בתואל און לבן הארמי, ווי גאָט האָט זיין וועג בע־גליקט און ער האָט געפינען דיא וועלכע ער האָט געזוכט — האָט איצט, אין דער נייער, אין וואונדערע אָרעמער צייט — ר' העניך אויך זיין געשיכטע דערצעהלט און דעם רבינ'ס נביאות און מופתים בעוואונדערט פאַר ר' שלמה'ן און פאַר חייע'לען דאָס ער איז אויף אַ בעשערטע זאַך געקומען און גאָט האָט איהם אַהערצו געפיהרט. און ווי יענע אַלטע צייטען האָבען די פערוואונדערטע צוהערער געאַנטוואָרט: מה' יצא הדבר, גאָט האָט אַזוי בעשלאָסען, לא נוכל דבר אליך רע או טוב: מיר קאָנען דיר דאַרויף ניט שלעכט ניט גוט זאָגען. הנה רבקה לפניך קח ולך: אָט איז רבקה, נעהם זיא און געה און זאָל זיא זיין אַ פרוי דיין הערר'נס זוהן — האָבען איצט די צוהערער פון ר' העניך'ס געשיכטע אויך געאַנטוואָרט: „דאָ זעהט מען אַ גאָט זאַך, זאָל זיין ווילען געשעהן, מיר זענען בודאי מסכים...“ נור וועהרענד מיט פיער טויזענד יאָהר צוריק האָט דער ברודער לבן הארמי און דיא מוטער פון דער כלה, אין דער ענטשיידענדער מינוט זיך פאַרט אָן יושר דערמאָנט און האָבען געזאָגט: נקרא לנערה, ונשאלה את פיה, לאָמיר דאָס מיידעל צורופען און פרעגען: צו וויל זיא אַקאָרשט דעם שדוך — האָט איצט, מיט פיער טויזענד יאָהר שפּעטער דער גוטער פעטער ר' שלמה און די טרייע מוטער און חסידה חייע'לע אָן דיזען יושר פערגעסען און ניט דערמאָנט, אַז די כלה זייערע איז אַ יתומה און איידער מען שלאָגט צו אַ האַנד דער שדוך זאָל ווערן געשלאָסען, ברויך מען אויך איהר דעת

הערן, אונ זיי האבען מיט ר' הענידן א קנין געמאכט; נור איין זאך האט זיך דיא מוטער דערמאנט, נאמליך: בעת זי איז א מאדעל געוועזן אונ איהר מחותן איז געקומען זיא זעהן האט די מוטער איהרע איהר דאמאלס מכבד געוועזן טהיי אונ כבוד צו דערלאנגען צום טיש, ער זאל געלעגענהייט האבען זיא צו זעהן ווי שאן, ווי געראטהען זי איז; דאריבער האט זי באלד רחל'ען אריינגערופען, איהר די שליסעלעך געגעבען אונ געבעטען: זיא זאל איהר אויך דאס צוליעב טהון אונ אליין צום טיש טהיי אונ כבודים דערלאנגען. רחל'ע האט ניט געוואוסט וואס דא איז ביז איצט גערעדט אונ אבגעטהאן געווארן, זי האט זיך איינמאל פארגענומען דער מוטער צופרידענהייט צו ווייזען האט זי אויך דיזע געפעליגקייט געטהון, האטש איהר הערץ האט פון מינוט צו מינוט אלץ שווערער אנגעהויבען צו פרעסען אין איהר אונ אנגסטליכע אהנונגען האבען זיא אלץ שטארקער געפייניגט... נאך שווערער איז איהר געוועזן ר' הענידס צופרידענע פריינדליכע בליקען צו פערטראגען; אזוי האט נאך קיין עלטערער פרעמדער מאנספיל ביז איצט אויף איהר ניט געקוקט. זי האט געזיכט א געלעגענהייט ווי אונבעמערקט ארויסצוגעהען, דא איז איהר ענג אונ דושנא געווארן, זי האט קוים דעם אטהעם געקאנט אבכאפען. ר' העניך איז אויסער זיך געוועזן פון שמחה וואס די כלה איז אזוי שאן. ווי א מלאך הייליג אונ פארנעהם האט זיא איהם אויסגעוויזען אונ דער רבי איז אין דער מינוט נאך הייליגער אין זיינע אויגען געווארן. ער איז א נביא, א אמתר נביא ד' האט ער געקלערט אונ איז פון גרויס התפעלות ניט נור זיינע מתנות אונ פערמאגען זיין בן יחידס געראטהענער כלה בערייט געוועזן אוועקצושענקען, אבער אויך זיין לעבען וואלט ער איהר איצט ניט געזשאלאוועט. קום אהער נאהענטער, מיין טאכטער, האט ער אויסגערעדט כמעט מיט א ארט דרך ארץ, שאם דיך ניט, מיין ליעב קינד, היינט זענען שוין די מאדעס אויסגעגאנגען וואס א כלה מוז זיך שאמען פאר איהר מחותן. ניט דיך פערהארן רופ איך דיך; נור דיר דעם אמת אין די אויגען צו זאגען, אז דו געפאלסט מיר טויזענד מאל מעהר ווי מען האט מיר פון דיר דערצאהלט. אזוי זאלסטו אויך דיין אמת'ן בעשערטען געפאלען אונ אזוי זאל ער אויך אין דיינע אויגען חן געפינען!" אונ ניט ווארטענדיג אויף איהר תשובה, האט ער ארויסגענומען א טהייערן גאלדענעם בראסלעט מיט גרויסע ברילליאנטען איינגעפאסט אונ איהר דערלאנגט.

– נעהם עס מיין קינד. דאס איז די ערשטע קלענסטע מתנה מיינע, וואס איך שענק דיר. האט ער זעהר געריהרט פון צארטליכע פאטערגעפיהלע געזאגט, איך האב עס געקויפט נאך איידער איך האב דיך געזעהן, איצט אז איך זעה דיך אונ דוא ביזט שאנער וויא דער בריליאנט וואס דא איז איינגעפאסט – זאג איך דיר צו נאך שאנערע מתנות דיר צו געבען אונ געבען, מיין ליעב קינד!

רחל'ע איז ווי צומישט געשטאנען, ניט געוואוסט וואס דא געהט פאר; נור איהרע אויגען האבען איהר בעקלעמונג געגעבען צו פערשטעהן. צו האט זי געוואוסט וואס זי רעדט צו ניט, נור ניט אין דער מאגליכקייט וואס אנדערעס צו זאגען האט זי אויסגערעדט: איך דאנק אייך פאר אייערע גוטע רעד. אייער מתנה האב איך ניט פערדינט. פאר וואס ניט איהר זיא מיר!

– אוּנְזֶער מוּטֶער רִבְקָה אִיז גֶעוֶועזֶן קְלִיגֶער פַאר דִיר, מַיין טָאכְטֶער! הָאט דֶער פֶּעטֶער זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, בְּעֵת אַבְרָהָם אָבִינוּ'ס קְנֶעכְט הָאט אִיהר פַאר אַ טְרוּנְק וַואסֶער אַ מְהַייעֶרְן נָאזְבַּאנְד אוּנ צְוַויי אָרְמְבֶּאנְדֶער גֶעשֶׁענְקְט הָאט זִיא דִיא מַתָּנָה צוּגֶענוּמֶען אוּנ נִיט גֶעפְרֶעגְט: פַאר וָואס קוּמְט עֶס מִיר. דַיין מְחוּתָּן: דַיין חָתָן'ס טַאטֶע גִיט דִיר דִי מַתָּנָה פוּן אַ סִימָן וֶועגֶען, דוּ זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען אַז דוּ בִּיזְט שׁוֹין אַ כַּלָּה מִיט מַזָל!

אִיהר אִיז פִינְסְטֶער גֶעוָוארְן אִין דִי אוֹיגֶען, דִי שְׁטוּב מִיט דִי לִיכְט אוּנ לָאמְפֶּען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען וִוי אַ שְׁווינְדֶעל רָאד דְרֶעהֶען אִין אַ נַאלָאפּ אַרוּם אִיהר. זִיא הָאט נוּר אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן: „מוּטֶער, וָואס הֶאר אִיךְ!“ אוּנ אִיז דֶער מוּטֶער אוֹיפֶן הַאלְז אִין אוּנְמַאכְט גֶעבְּלִיבֶּען.

– וַואסֶער, וַואסֶער! הָאט דִי מוּטֶער מִיט דֶעם פֶּעטֶער גֶעשְׁרִיעֶן. מֶען הָאט וַואסֶער גֶעבְּרַאכְט זִי אָבְּגֶעמִינְטֶערְט אוּנ אִין אִיהר צִימֶער אוֹיף אִיהר בֶּעטֶעל אַוֶועג גֶעלֶעגְט.

## ד.

מֶען הָאט ר' הֶענִיךְ'ן וִוי עֶס אִיז בֶּערוּהִיגְט: „קַיין בֶּאז“, „נִישְׁט מֶעהר וִוי אַ עַיִן הָרָע“, „אַ רֵיינֶע עַיִן הָרָע“, „שׁוֹין אִיבֶּערְגַאנְגֶען“, „זַייט רוּהִיג מְחוּתָּן, אַייעֶר כַּלָּה וֶועט שׁוֹין גֶעזוּנְד זַיין!“ אוּנ עֶר אִיז רוּהִיג אַהֵיים אַוֶועק. דָאס וָואס דִי מְחוּתָּנִים זַיינֶע, זוֹבֶען דֶעם צוּפַאל צוּ פֶערְגְלֶעטֶען הָאט אִיהם גֶעטְרֶאסְט מִיט הָאפְנוּנְג. אַז זֵיי וֶועלֶען זִי מִסְתָּמָא אִיבֶּערְרֶעדֶען אוּנ זִי וֶועט צוּם שֵׂכֶל קוּמֶען. „נִישְׁקָשֶׁה, אִיךְ הָאבּ אַ גוּטֶען צַד אִין טִישׁ אוּנ דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען וֶועט מִסְתָּמָא אוֹיסְפִיהרְן וָואס עֶר וִויל!“ הָאט עֶר גֶעקְלֶערְט. „ר' פִּנְחָס'לְס הָאט גֶעוואוּסְט אַז אַזוֹי וֶועט זַיין!“ פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר הַיכֶּף צוּם רֶבִּי'ן טֶעלֶעגְרַאפִירְט, אַז עֶס אִיז אַ קִנְיָן גֶעוֶועזֶן אוּנ דִיא כַּלָּה אִיז שְׁלַאף גֶעוָוארְן.

– לָאז מִיךְ חַייעֶלֶ'ע, צוּ אִיהר אַרַיין, אִיךְ וִויל וִויסֶען וָואס אִיז מִיט אִיהר גֶעשֶׁעהְן, הָאט ר' שְׁלֹמה גֶעבֶּעטֶען גְלַייךְ וִוי ר' הֶענִיךְ אִיז אַהֵיים אַוֶועק.

– נָאר נִישְׁט! דֶער קָאלְטוּן הָאט זִיא וִוידֶער פֶערְדְרֶעהט...

– לָאז מִיךְ צוּ צוּ אִיהר. אִיךְ וֶועל אִיהר צוּ פֶערְשְׁטֶעהן גֶעבֶּען וִוי שְׁטַארְק אוּמְגֶערֶעכְט זִי אִיז. זִי אִיז דָאךְ פָארְט אַ גוּטֶע אוּנ אַ קְלוּגֶע אַלֶע מָאל גֶעוֶועזֶן.

– אַ גוּטֶע קוּה אִיז זִי! גִיט אַ פָאלֶע דוֹינִיצֶע מִילְךְ אוּנ דֶערְנָאךְ בְּרִיקְט זִיא עֶס אוֹיס מִיט דֶער פוּס.. אַזַא בִּזָיוֹן, אַזַא שַׁאנְד... צוּ הֶערְט מֶען דָאס נָאר בַּיי לַייטֶען?

– פֶּעטֶער, הָאט רָחֶלֶ'ע אוֹיסְגֶערֶעדְט מִיט אַרִיהְרֶענְדֶער שְׁטִימֶע, אַז זִי הָאט ר' שְׁלֹמה'ן בַּיי אִיהר אִין צִימֶער בֶּעמֶערְקְט.

– זַייט אִיהר עֶס גֶעוֶועזֶן וָואס הָאט מִיךְ אַזוֹי שֶׁאנְדְלִיךְ, אָהן מַיין וִויסֶען פֶערְקוֹיפְט? הָאט אִיהר פַאר גָאט קַיין מוֹרָא גֶעהַאט אַזוֹינְס צוּ טְהוּן? נֵיין, נִיט אִיהר זֶענְט עֶס דָארְט אִין גָאסְטִינֶע גֶעזֶעסֶען, אַ אַנְדֶערֶער הָאט מִיר אָנְגֶעזָאגְט אַז אִיךְ בִּין אַ כַּלָּה גֶעוָוארְן, מַיין אֵיינְצִיגֶער פֶּעטֶער קָאן אַזוֹי זִינְדִיג, אַזוֹי פַאלְשׁ נִיט זַיין!...

– הַא? אִיךְ בִּין פַאלְשׁ? אִיךְ בִּין שׁוּלְדִיג? נִיט דוּא אַלֵיין? אוּנְפֶערְשֶׁעמְט בִּיזְטוּ, אַ דִבּוּק זִיצְט אִין דִיר! טָאג אוּנ נַאכְט, יוֹא אוּנ נֵיין אִיז בַּיי דִיר אִין אֵיין מִינוּט,

אָדֶער דוּ מֵיינְסְט מִיט מִיר קָאמֶעדִיעֶס צוּ שְׁפִּילֶען? אַ הוּלְטַייְקֶע בִּיזְטוּ אַז דוּא קָאנְסְט נָאךְ זָאגֶען אַז אִיךְ בִּין שׁוּלְדִיג אוּנ נִיט דוּ אַלֵיין!

מִיט דִי וָוארְטֶער הָאט עֶר זִיךְ אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען צוּ דֶער טְהִיר אוּנ גֶעוָואלְט אַרוֹיסְגֶעהְן.

— רַחֲמָנוּת פֶּעטֶער, רַחֲמָנוּת הָאט אוּנ הֶערְט מִיךְ אוֹיס! הָאט זִי אִיהם נָאכְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנ אִיז פוּן בֶּעט אַרָאפְּגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, אִיהם פַארְ'ן הַאנְד אָנְגֶענוּמֶען אוּנ גֶעוָואלְט דִי הַאנְד קוּשֶׁען; עֶר הָאט אָבֶּער מִיט צָארְן זִיךְ אַרוֹיסְגֶערִיסֶען אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן: אוֹיס רַחֲמָנוּת! אַ שָׂטָן, אַ יֵצֶר הָרָע אִיז רַחֲמָנוּת אוֹיף אַזֶעלְכֶע! אַ מוּסָר עָוֹן זָאל עֶס מִיר זַיין, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!" אַז עֶר הָאט הַיְיעֶלֶען דֶערְזֶעהן הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן:

— הֶערְסְטוּ, חַייֶעלֶע, מִיט אִיהר אִיז נִיט גְלַאט, אַ דִבּוּק זִיצְט אִין אִיהר, זִי וֵוייס גָאר נִיט וָואס זִיא רֶעדְט! זָאל פֵּייגֶע פוּן אִיהר בֶּעט אַ גַאנְצֶע נַאכְט נִיט אָבְּטְרֶעטֶען. אִיךְ הָאבּ מוֹרָא צוּ זֶענֶען דִי מְזוּזוֹת דָא אִין שְׁטוּבּ נִיט פָּסוּל גֶעוָוארְן, זָאל מֶען אַ פָּאר תְּפִילִין אַרַיינְגֶעהְמֶען אִין אִיהר חֶדֶר. מִיט דִי וֶוערְטֶער אִיז עֶר אַהֵיים אַוֶועק. חַייֶעלֶע אִיז אִין רָחֶלֶ'עס צִימֶער מֶעהר נִיט אַרַיין. נוּר דִי אַלְטֶע פֵּייגֶע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִיהר בֶּעט גֶעזֶעסֶען. רָחֶלֶע הָאט מִיט אִיהר אֵיין וָוארְט נִיט גֶעוָואלְט אוֹיסְרֶעדֶען; אָבֶּער אַז זִי הָאט פֵּייגֶעס טְהְרֶערן דֶערְזֶעהן הָאט זִיךְ אִיהר פֶערְשְׁלָאסֶענֶער כַּעַס גֶעאֶפֶענְט. אִיז דָאס אַייעֶר טְרַייהֵייט גֶעוֶועזֶן צוּ אַייעֶר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם בַּעַל הַבַּיִת, וֶועלְכֶען אִיהר הָאט וִוי מִיךְ אוֹיף אַייעֶרֶע הֶענְד אוֹיסְגֶעהָאדִעוֶועט? הָאט זִיא אָנְגֶעהוֹיבֶּען, אִיז דָאס גוּט אַזוֹי פֵּייגֶע? אֶנְטְוָוערְט, הָאט אִיהר אוֹיךְ פַאר גָאט קֵיין מוֹרָא נִיט? קָאנ מֶען אַ יְתוֹמָה פֶערְקוֹיפֶען?

— בֶּעסֶער וָואלְט אִיךְ טוֹיבּ גֶעוָוארְן מִיט אַ מִינוּט פְרִיהֶער, אֵיידֶער אִיצְט פוּן דִיר, מַיין טְהַייעֶר קִינְד, אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער צוּ הֶערְן! הָאט פֵּייגֶע גֶעאֶנְטְוֶוערְט. גָאט וֵוייס מַיין הַארְץ, עֶר זָאל דַיין צַעַר צוּזֶעהן אוּנ מַיין אֱמֶת דִיר בֶּעוַוייזֶען! אִיךְ הָאבּ נִיט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ וִויסֶען וָואס דָא טְהוּט זִיךְ, בִּיז דֶער מִינוּט וָואס דוּא הָאסְט גֶעחַלָשְׁט!

— הָאט מֶען אַייךְ אוֹיךְ גֶענַארְט. אָ, וִוי קָאן אַ מוּטֶער אַזוֹי שְׁלֶעכְט זַיין!? הָאט רָחֶלֶע גֶעשְׁרִיעֶן מִיט כַּעַס.

— דַיין וַוייטִיג רֶעדְט עֶס פוּן דִיר אַרוֹיס אוּנ גָאט זָאל דַיינֶע וֶוערְטֶער דִיר פַאר קֵיין זִינְד נִיט רֶעכְנֶען! הָאט פֵּייגֶע גֶעזָאגְט. דַיין מַאמֶע מֵיינְט דַיין טוֹבָה, ר' הֶענִיךְ אִיז אַ גְבִיר, הַלְוַאי אוֹיף אַלֶע יוּדֶען גֶעזָאגְט! זַיין בֶּן יָחִיד, קָאן אֶפְשָׁר בֶּאֱמֶת פַאר דִיר אַ גוּטֶער חָתָן זַיין. וָואס בִּיזְטוּ אִיהר חוֹשֵׁד? וָואס מֵיינְט דֶען דַיין מַאמֶע דֶערְמִיט?

— אָ, וִוי בִּיטֶער אִיז מִיר אַצוּנְד. אַז אֲפִילוּ אִיהר ווִילְט מִיךְ נִיט פֶערְשְׁטֶעהן! הָאט רָחֶלֶ'ע מִיט אַ נַייעֶם גוּס טְהְרֶערן אוֹיסְגֶערֶעדְט.

— אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה דִיךְ מַיין קִינְד, מִסְתָּמָא אִיז דָאךְ אַזוֹי בֶּעשֶׁערְט!

— נֵיין, פֵּייגֶע, אִיהר וֵוייסְט, דֶער דֶער חָתָן אִיז וֶועלְכֶען מַיין גוּטֶער זֵיידֶע הָאט נָאךְ פַאר מִיר בֶּעשְׁטִימְט. אִיהר קֶענְט מֹשֶׁה'לֶען.. אִיהם, מַיין לִיעבֶּען שְׁוֶועסְטֶער-קִינְד גֶעהֶער אִיךְ ווִי לַאנְג אִיךְ וֶועל לֶעבֶּען! אִיךְ הָאבּ אִיהם אַזוֹי צוּגֶעשְׁוָוארְן אוּנ אַזוֹי שְׁוָוארְט אִיהם מַיין הַערְץ יֶעדֶע מִינוּט! ... אִיךְ גְלוֹיבּ אִיהם אֵיינֶעם מֶעהר ווִי אַייךְ

אלעמען ! מיין הערץ גלויבט איהם אונ זיינע בין איך , האטש ער שטודירט! איצט געהט אונ העלפט אויך מיך פערקויפען ! ....

פייגע האט זי געלאזען זיך אויסרעדען , אויסוויינען , וויפיעל דאס הארץ גע-לוסט . אז זי האט בעמערקט דאס ליידענד קינד איז שוין אביסעל רוהיגער געווארן האט זי אנגעהויבען :

— איצט , מיין קינד לאז מיך רעדען , איך וויל דיר ניט זאגען צו דוא טהוסט רעכט צו קרום , איך ווייס ניט . איך בין ניט מעהר וויא דיין טריע דינסט , וואס וואלט זיך לאזען פון דיינטוועגען אפילו דאס פלייש שניידען . ווילסטו גלויב עס מיר , ווילסטו ניט — האב איך אויך קיין פאראיבעל ניט . נור הער האטש איינמאל מיין עצה : געה שוין אונ בעט איבער דיין מאמען ! רעד מיט איהר אזוי ווי דו רעדסט מיט מיר; נור קריג זיך ניט , מיט טהרערן וועסטו איהר הערץ ווייך מאכען . זי איז דיין מוטער , זי וועט רחמנות האבען , ערקלער איהר אז דוא האסט ניט געוואוסט . אין ערנסטען אופן האסטו אויף זיך די גאנצע רעה , אונ צוויי מאל לאזט מען זיך ניט נארן ...איבער געוואלד וועט מען דיך צו דער חופה ניט פיהרן ! זאג איהר דאס. זיי א גוט קינד , בעצווינג דיין כעס , מיט גוטען איז אלע מאל בעסער . זיי יוצא פאר גאט אונ פאר זיך אליין , מיין ליעב קינד !

— איהר זייט גערעכט , איך געה ! האט זי ווי א צומישטע אויסגערעדט אונ איז באלד צו דער מוטער אין שלאף צימער אריין . חייעלע איז אויפן בעט געזעסען זעהר א אויפגערעגטע פון כעס . רחלע איז צוגעגאנגען אונ האט זיך אויף דער ערד אראפ-געלאזען , דעם קאפ אויף דער מוטערס קניא ארויפגעלעגט אונ פון וויינען אונ טהרערן ניט אים שטאנדע געוועזען איין איינציג ווארט אויסצורעדען .

— ביזטו געקומען מיך א לעבעדיגע בעוויינען ? האט חייעלע געפרעגט מיט צארן . שאן , זעהר שאן האב איך אויסגעפיהרט ! ... ווי לעב איך די בזיונות איבער ? פאר וועלכע שלעכטס מיינע קומט עס מיר , אז מיין אייגען קינד זאל מיך אזוי אין פנים פאטשען , פאר א פרעמדען מענשען אין די אויגען ? ....

— מאמוניא , ליעבע מאמוניא ! האט רחלע קוים ארויסגעשטאמעלט . א , איך בין ניט שולדיג ! איך האב דעם סקאנדאל ניט געוואלט . פאר וואס האסטו מיר ניט געזאגט , אז א מחותן וועט קומען מיך זעהן ? איך האב ניט געוואוסט , גאט איז מיין עדות !

— עס איז משוגע צו ווערן!... האט די מוטער אויסגעשריען , כטייטש איך האב דיר ניט געזאגט ? אוועק פון מיינע אויגען ! איידער אזא קינד וואס קאן מיר אזוי לייקענען אין די אויגען בעסער א שטיין האבען , רבונו של עולם ! האב איך פון דיר וועגען אזעלכע עזות אזעלכע חצופות געזעהן ? מיידען א דבוק איז אין דיר . פייגע , קומט אריין , נעהמט זי צו פון מיר ! איך האב מורא מיט איהר אין איין חדר צו זיין אליין .

— מוטער ליעבע , האט רחלע אויסגערעדט אונ האט דער מוטער די פיס געקושט , האב רחמנות אונ הער מיך אויס ! ...

— ניין , ניין , דו ביזט פון זינען אראפ ! עס איז ניט גלאט מיט דיר ! האט די מוטער אלץ העכער געשריען , דו ווייסט ניט וואס דו רעדסט , וועה צו מיינע יאהרן ! ...

גֶענוּמְט זִי צוּ, פֵייגֶע, אִיךְ הָאב מוֹרָא פַאר אִיהר! זָאל מֶען אַרֵיינְרוּפֶען אַ פָּאר מֶענְשֶׁען פוּן זַאוָואד דָא גֶעבְּטִינְגֶען דִי נַאכְט! — מִיט דִי וֶוערְטֶער הָאט זִי אִיהר קִינְד אַ שְׁטוּיס גֶעטְהוּן פוּן זִיךְ אוּנ אִיז אַ צוּשְׁרָאקֶענֶע פוּן צִימֶער אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען שְׁרַייעֶנְדִיג: „שׁוֹמֵר יִשְׂרָאֵל אִיז מִיט מִיר!"

אוּנ דָאס אִיז קֵיין אָנְשְׁטֶעל גֶעוֶועזֶען. אוֹיסְהֶערֶענְדִיג הֶענִיךְ׳ס סִפּוּר, וָואס פִּנְחָס׳ל הָאט אִיהם נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט, הָאט זִי וִוירְקְלִיךְ גֶעגְלוֹיבְּט. אַז מִיט רָחֶל׳ען אִיז עֶפִּיס נִיט נַאטִירְלִיכֶעס גֶעשֶׁעהְן. זִי הָאט נִיט גֶעקָאנְט דֶערְמָאנֶען, אַז זִי הָאט אִיהר נִיט גֶעזָאגְט, אַז דֶער מְחוּתָּן וָואס דַארְף קוּמֶען, וֶועט קוּמֶען נוּר זִי צוּ זֶעהְן אוּנ הָאט דֶעם טָעוּת זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט עֶרְקְלֶערְן; זִיא הָאט נוּר גֶעדֶענְקְט, אַז זִי הָאט מִיט אִיהר גֶערֶעדְט, רָחֶל׳ע הָאט זִי מְחִילָה גֶעבֶּעטֶען אוּנ אַ וָוארְט גֶעגֶעבֶּען: צוּפְרִידֶען צוּ זַיין וִוי עֶס מַאכְט זִיךְ, אוּנ אִיצְט לֵיינֶענְט זִי אִיהר אָפּ אִין דִי אוֹיגֶען! נִיט אַנְדֶערְשׁ, זִי וֵויס אַלֵיין נִיט וָואס מִיט אִיהר טְהוּט זִיךְ. אַ דִבּוּק זִיצְט אִין אִיהר!

— אִיצְט פֵּייגֶע, וֵויס אִיךְ בֶּאֱמֶת נִיט צוּ בִּין אִיךְ מְשׁוּגָע צוּ נִיט. הָאט רָחֶל׳ע שְׁוָוער אָהְגֶע כּוֹחוֹת אוֹיסְגֶערֶעדְט, אַז פֵייגֶע הָאט זִי צוּרִיק אִין אִיהר צִימֶער אַרֵיינְגֶעפִיהרְט. אִיךְ בֶּעט אַייךְ, אוֹיבּ אִיךְ וֶועל וִוירְקְלִיךְ פוּן זִינֶען אַרָאפּ, זָאלְט אִיהר מִיךְ נִיט אִיבֶּערְגֶעבֶּען, נִיט צוּ מַיין מוּטֶער, נִיט צוּ מַיין פֶּעטֶער. גָאט הָאט זַייעֶר הַארְץ פֶערְשְׁלָאסֶען פוּן מִיר, אָ, לָאזְט מִיךְ נִיט אַלֵיין! ...

מֶעהר הָאט זִי נִיט גֶערֶעדְט אוּנ אִיז מִיט אָפֶענֶע אוֹיגֶען שְׁטוּם אוֹיף אִיהר בֶּעט גֶעלֶעגֶען. פֵּייגֶע הָאט אוֹיךְ מוֹרָא גֶעהַאט אַ אוֹיג צוּ צוּמַאכֶען, אוּנ הָאט אִיהר טְהַייעֶר קִינְד אָבְּגֶעהִיט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט. אַז עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארְן אִיז רָחֶל׳ע עֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארְן; נוּר אַז זִי הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט, הָאט זִי שׁוֹין פוּן אִיהר בֶּעט נִיט גֶעקָאנְט אַרָאפּ.

ר׳ שְׁלֹמה הָאט דִי נַאכְט אוֹיךְ נִיט גֶעשְׁלָאפֶען. אוּנ וִוי הָאט עֶר גֶעקָאנְט שְׁלָאפֶען נָאךְ אַזַא אָבֶּענְד, וָואס הָאט זַיין הֶערְץ אִין שְׁטִיקֶער צוּרִיסֶען!... דֶער קָאפּ אִיז אִיהם שְׁוֶוער וִוי בְּלַיי גֶעוָוארְן וֶוען עֶר הָאט נוּר אַ טְרַאכְט גֶעגֶעבֶּען וָואס אִין הַיינְטִיגֶען אָבֶּענְד אִיז גֶעשֶׁעהְן אוּנ עֶר הָאט בֶּעסֶער גָאר נִיט גֶעטְרַאכְט; אָבֶּער פוּן זַיין דְבוֹרָה׳ס טְהְרֶערְן הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶעהַאט וואוּ צוּ בֶּעהַאלְטֶען, אוּנ דְבוֹרָה הָאט צוּ וֵויינֶען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט פוּן דֶער מִינוּט אָן וָואס עֶר הָאט אִיהר אָנְגֶעזָאגְט אַז בַּיי רָחֶל׳ען אִיז הַיינְט אַ קְנַיין גֶעוֶועזֶן. „מֹשֶׁה׳לֶע, מַיין עֶלֶענְד קִינְד!" הָאט זִי גֶעקְלָאגְט, „גָאט מָאג דַיין צַעַר אוּנ עֶלֶענְד צוּ זֶעהְן!..." מֶעהר הָאט זִי נִיט גֶערֶעדְט; נוּר אִיהרֶע טְהְרֶערְן הָאבֶּען זִיךְ וָואס וַוייטֶער אַלְץ מֶעהר גֶעגָאסֶען. עֶר הָאט זִי גֶעטְרֶאסְט, עֶרְקְלֶערְט אַז גָאט בֶּעוַוייזְט אִיהם נִסִּים אַזֶעלְכֶע, וֶועלְכֶע עֶר אִיז מִיט זַיינֶע מַעֲשִׂים גָאר נִיט וֶוערְטְה!... נוּר דְבוֹרָה הָאט אִיהרֶע טְהְרֶערְן נָאךְ אַלְץ נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען, זֵיי זָאלֶען פוּן אִיהרֶע אוֹיגֶען זִיךְ נִיט גִיסֶען. ר׳ שְׁלֹמה הָאט שׁוֹין זַיין גֶעדוּלְד פֶערְלָארְן אוּנ הָאט מִיט כַּעַס אַ גֶעשְׁרַיי גֶעטְהוּן:

— נוּ, גֶעה דוּ זִינְדִיגֶע נַארִישֶׁע אִשָּׁה אוּנ זָאג דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם אַ דֵעָה, אַז דִיר גֶעפֶאלְט נִיט וָואס אִיהם אִיז יוֹא גֶעפֶאלֶען!... הָאבּ פַארְאִיבֶּעל אוֹיף אִיהם, וָואס

ער הָאט פַאר רָחֶלֶ'ען אַאַנְדֶער חָתָן גֶעפוּנֶען נִיט דֶעם װֶעלְכֶען זִי װִיל אוּנ װֶעלְכֶען מִיר הָאבֶּען גֶעװָאלְט... אַדְרַבָּה, הֶעלְף זִיךְ אַז דוּ קָאנְסְט!

— אָבֶּער װָאס אִיז דָא נָאט שׁוּלְדִיג? הָאט זִיא גֶעטַענֶה'ט, דוּא מִיט חַיֶעלֶע הָאבֶּען דֶעם קִנְיָן גֶעמַאכְט אוּנ נִיט גָאט...

— אַ לִיגֶען זָאגְסְטוּ, װִי דוּ זֶעהסְט מִיךְ אַ יוּדֶען, אַז אַ לִיגֶען זָאגְסְטוּ! הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען. אִיךְ הָאבּ גֶעװָאלְט? זָאל אִיךְ קֵיין נוּטְס נִיט װִיסֶען אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ גָאר גֶעװאוּסְט צוּלִיעבּ װָאס הָאט מֶען מִיךְ גֶעבֶּעטֶען קוּמֶען! נוּר גָאט בָּרוּךְ הוּא הָאט אַזוֹי גֶעװָאלְט, אוּנ עֶס אִיז גֶעװָארֶען אַ קִנְיָן. פָּשׁוּט: אַזוֹי אִיז בֶּעשֶׁערְט מִסְתָּמָא מִשָּׁמַיִם אוּנ גֶעה זַיי אַ גִבּוֹר, טְהוּ פֶערְקֶעהרְט אַז דוּא קָאנְסְט!

— זְכוּת אָבוֹת, זְכוּת אָבוֹת! הָאט דְבוֹרָה, גֶעטַענֶה'ט, זָאלֶען דִי אוֹיסְגֶעלַייטֶערְטֶע נְשָׁמוֹת פוּן דִי יְתוֹמִים דָארְט נִיט שְׁװַייגֶען! אַז אִיךְ װָאלְט קָאנֶען װָאלְט אִיךְ שׁוֹין לוֹיפֶען אוֹיפְ'ן רֵיינֶעם אָרְט, אוּנ בֶּעטֶען דֶעם שְׁװֶוער עָלָיו הַשָּׁלוֹם עֶר זָאל מִיט זַיין זְכוּת נִיט דֶערְלָאזֶען זַיינֶע עֶלֶענְדֶע עֶנֶעקְלֶעךְ פֶערְפְרֶעמְדְט װֶערֶען... אִיךְ װָאלְט מֹשֶׁה'לֶעם טַאטֶען פוּן זַיין שְׁלָאף אוֹיפְװֶעקֶען, זָאל עֶר חָאטְשׁ דָארְט אִין הִימֶעל טַעֲנֶה'ן פַאר זִיךְ; מִיר זֶענֶען זִינְדִיגֶע לֶעבֶּעדִיגֶע מֶענְשֶׁען, װָאס װֵייסֶען מִיר, װָאס קָאנֶען מִיר!...

— נוּט הָאטְשׁ װָאס דוּא בִּיזְט צוּם שֵׂכֶל גֶעקוּמֶען אוּנ דוּא פֶערְשְׁטֶעהסְט אַז מִיר לֶעבֶּעדִיגֶע קָאנֶען גָאר נִיט. הָאט ר' שְׁלֹמֹה זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען. זֵיי, נוּר זֵיי קָאנֶען אַ דֵעה זָאגֶען, מִסְתָּמָא שְׁװַייגֶען זֵיי נִיט, אוּנ מִיר גְלוֹיבְּט זִיךְ, דָאס װָאס רָחֶלֶע הָאט אוּנְז אַזֶעלְכֶע כְּזִיוֹנוֹת אָנְגֶעטְהוּן, אִיז דָאס אוֹיךְ נוּר זֵייעֶר אַרְבֵּייט; אָבֶּער מִיר לֶעבֶּעדִיגֶע מוּזֶען קוּקֶען אוּנ שְׁװַייגֶען.

אַז עֶס הָאט צוּ בֶּעגִינֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיז ר' שְׁלֹמֹה עֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעװָארֶען; אָבֶּער דְבוֹרָה הָאט אִיהם אִין טָאג אַרַיין פִיעל נִיט גֶעלָאזְט שְׁלָאפֶען. גֶעה, מַיין מַאן, אַ קוּק טְהוּן װָאס מַאכְט רָחֶלֶע, דָאס הַארְץ רוּהְט אִין מִיר נִיט, צוּם גוּטֶען זָאל עֶס זַיין!

— פַאר װָאס זָאלְסְטוּ נִיט גֶעהֶען? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט, גֶעה דוּ, אִיךְ בֶּעט דִיךְ.

— אִיךְ דַארְף נִיט גֶעהְן, הָאט דְבוֹרָה זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, חַיֶעלֶע הָאט זִיךְ אֲפִילוּ נָאר דֶערְמָאנְט מִיךְ צוּ בֶּעטֶען אוֹיף דֶעם קִנְיָן? װִי פֶערְגֶעסְט מֶען דָאס, אַז מֶעהר װִי דִי אֵיינֶע מוּהמֶען הָאט נִיט אִיהר קִינְד דָא? נֵיין, אִיךְ טָאהר נִיט גֶעהְן, זָאל זִי הָאטְשׁ װִיסֶען, אַז זִי אִיז אוּנְגֶערֶעכְט אוּנ זָאל זִי זִיךְ שֶׁאמֶען.

ר' שְׁלֹמֹה הָאט מוֹדֶה גֶעװֶעזֶען אַז דְבוֹרָה אִיז גֶערֶעכְט אוּנ אִיז אַלֵיין אַװֶעק צוּ חַיֶעלֶ'ען; נוּר בַּיי דֶער טְהִיר הָאט אִיהם שׁוֹין חַיֶעלֶע בֶּעגֶעגֶענְט מִיט דִי װֶערְטֶער: „אָט נוּר װָאס הָאבּ אִיךְ גֶעװָאלְט זַיין בַּיי אַייךְ, בֶּעטֶען מַיין שְׁװֶוגֶערִין זִי זָאל קֵיין פַאר־אִיבֶּעל הָאבֶּען װָאס אִיךְ הָאבּ קֵיין צַייט גֶעהַאט נָאךְ אִיהר צוּשִׁיקֶען, גָאט אִיז מַיין עֵדוּת, אַז אִיךְ הָאבּ אַלֵיין נִיט גֶעװאוּסְט אַז דֶער קִנְיָן װֶעט אַזוֹי גִיךְ װֶערֶען!".

— גֶעה טַאקִי, פֶערְאֶנְטְװֶער זִיךְ, הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען. אִיךְ װֶעל דָא דֶערְװַייל מִיט רָחֶלֶ'ען אַרַיינְרֶעדֶען. חָאטְשׁ רָחֶלֶ'ע אִיז אַזוֹי שְׁװַאךְ גֶעװֶעזֶען, אַז זִי הָאט פוּן בֶּעט נִיט גֶעקָאנְט אַרָאפ בַּאלְד װִי זִי הָאט אִין דֶער פְרִיה אִיהרֶע אוֹיגֶען גֶעעֶפֶענְט; נוּר קוֹים הָאט זִי דֶעם פֶעטֶערְס שְׁטִימֶע דֶערְהֶערְט הָאבֶּען זִיךְ אִין אִיהר נַייֶע כּוֹחוֹת גֶעפוּנֶען. זִי בַּיי אֵיינֶעם װָאס טְרֶענְקְט זִיךְ אַז עֶר דֶערְזֶעהט אַ רֶעטֶענְדֶע הַאנְד נָאהֶענְט פַאר זִיךְ.

זִיךְ הָאט זִי אַ קְלֵיידֶעל אוֹיף זִיךְ אַרוֹיפְגֶעוָוארְפֶען אוּנ נִיט אוֹסְפֶּעְנְדִיג אִידְרֶע שִׁיךְ צוּ גֶעפִינֶען אִיז זִי אַזוֹי צוּם פֶּעטֶער אִין זַאאל אַרַיינְגֶעלָאפֶען. מִיט אַ שְׁטִימֶע וֶועלְכֶע קָאן זֶעלְבְּסְט אַ שְׁטֵיין רִיהְרֶען הָאט זִי אוֹיסְגֶערֶעדְט: „פֶּעטֶער לִיעבֶּער גוּטֶער פֶּעטֶער!“ אָבֶּער בַּאלְד הָאט זִיךְ דִי שְׁטִימֶע אִיבֶּערְגֶעריסֶען אוּנ זִי אִיז אָהְן וֶוארְטֶער דֶעם פֶּעטֶער אוֹיפְן הַאלְז גֶעפַאלֶען.

– וָואס וִוילְסְטוּ? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט אוּנ אִידְרֶע הֶאנְד פוּן זַיין הַאלְז אַרָאפְּגֶערִיסֶען. אִין כַּעַס בִּין אִיךְ אוֹיף דִיר. פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ. אוּנ אִיךְ וִויל דַיינֶע קוּשֶׁען נִיט! אַזֶעלְכֶע הַרְפּוֹת בִּיוּשִׁים, נִיט דָאס הָאבּ אִיךְ גֶערֶעכֶענְט!....

– עֶרְקְלֶערְן אַייךְ, לִיעבֶּער פֶּעטֶער, אַז אִיךְ בִּין נִיט שׁוּלְדִיג! הָאט זִיא קוֹים אוֹיסְגֶערֶעדְט. הֶערְט מִיךְ אוֹים. פֶּעטֶער, מֶעהר וִוי אַייךְ אֵיינֶעם הָאבּ אִיךְ גִיט וֶוער זָאל מִיךְ הֶערֶן!

– אַז דוּ הָאסְט חֲרָטָה, זָאג, וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיסְהֶערֶן!. קֵיין אַנְדֶער הָרוּץ וִויל אִיךְ נִיט צוּהֶערֶן; וָוארוּם צוּהֶערֶן אַלְץ וָואס דַיין נַארִישֶׁע צוּנְג רֶעדְט אִיז גְלַייךְ וִוי זִיךְ צוּהֶערֶן צוּ דֶעם ווִינְדְט וָואס פַייפְט, הָאט עֶס אַ מַמָשׁוּת? אַזַא מַמָשׁוּת הָאבֶּען דַיינֶע וֶוארְטֶער, אַזַא קִיוּם הָאבֶּען דַיינֶע שְׁבוּעוֹת!... וִוי לַאנְג הָאסְטוּ מִיר גֶעשְׁוָוארֶן אַז נוּר דֶער שֵׁיינָאץ משֶׁהלֶע אִיז דַיין חָתָן, אוּנ קוֹים אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער מְחוּתָּן גֶעקוּמֶען אַ קוּק טְהוּן אוֹיף דִיר, הָאסְטוּ דִיךְ אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט, זִיךְ מְשַׂמֵחַ גֶעוֶועזֶן, גְלַייךְ וִוי דוּא וָואלְסְט גָאר קֵיינְמָאל וֶועגֶען אַ אַנְדֶער חָתָן נִיט גֶעקְלֶערְט! וָואס אֱמֶת אִיז אֱמֶת, אִיךְ הָאבּ כְּעֶת מַעֲשֶׂה גֶעוָואלְט אַ שְׁפַּיי טְהוּן אוֹיף דִיר. –וִוי הָאט מֶען דָאס אַזַא גְרִינְגֶע דֵעָה? נוּר אִין מִיטֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ בֶּעקְלֶערְט: טָאמֶער אִיז דָאס דִיר פוּן גָאט אַזוֹי בֶּעשֶׁערְט, וָוארוּם וְהָרַאָיָה, דוּא הָאסְט נָאר משֶׁהלֶען פֶערְגֶעסֶען; נוּ, אַז אַזוֹי, קְלֶער אִיךְ מִיר, לָאז זַיין אַזוֹי, וֶוער קָאן נָאט בָּרוּךְ הוּא אַ דֵעָה זָאגֶען? פְּלוּצְלוּנְג חַאפְּסְט דִיךְ ווִידֶער אָן אַ טִירוּף אוּנ וֶוערְסְט מְשׁוּגָע, אוּנ שְׁרַייבְּסְט: מֶען הָאט דִיךְ גֶענַארְט אוּנ מַאכְסְט אוּנְז אַזֶעלְכֶע חַרְפּוֹת בִּיוּשִׁים, הַיינְט גֶעה הֶער זִיךְ צוּ וָואס אַזַא רֶעדְט? דוּא ווֵייסְט אַלֵיין נִיט וָואס דוּ וִוילְסְט!

– וִוי קֶאנְסְטוּ נָאט, דִיזֶען טָעוּת צוּלָאזֶען!? הָאט רָחֶלֶ'ע מִיט אַ בֶּעקְלֶעמְטֶען הֶערְצֶען אַרוֹיסְגֶערֶעדְט, דוּ ווֵייסְט דָאךְ, אַז אִיךְ הָאבּ נָאךְ מַיין משֶׁהלֶען אֵיין מִינוּט נִיט פֶערְגֶעסֶען; וָואס פֶערְשְׁלִיסְטוּ דָאס טְרַייעֶ הֶערְץ פוּן מַיין אֵיינְצִיגֶען פֶּעטֶער?...

זִי הָאט דִיזֶע וָוארְטֶער צוּנָאט גֶערֶעדְט; אָבֶּער זֵיי זֶענֶען דֶערְנָאךְ דֶעם פֶּעטֶער אִין הֶערְצֶען אַרַיין. עֶר אִיז שׁוֹין גֶעגֵיינְט גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְר ווַייטֶער צוּ רֶעדֶען; אָבֶּער חַייעֶלֶע, וֶועלְכֶע אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, ווִי זִי הָאט רָחֶלֶ'ען דֶערְזֶעהְן, אִיז אִיצְט צוּרִיק אַרַיינְגֶעלָאפֶען.

– מֶען קָאן מְשׁוּגָע וֶוערֶן פוּן אַזַא קִינְד! הָאט זִי מִיט אִימְפֶּעט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט בַּיי אַייעֶר דְבוֹרָה'ן זַיין, אָבֶּער דֶער קָאפּ אִיז מִיר אַזוֹי פִיעל פֶערְשְׁלָאגֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ נָאר פֶערְגֶעסְן, אַז אִיךְ בִּין עֶפִּים אַ מְחוּתֶּנֶת'טֶע מִיט מַזָל גֶעוָוארֶן אוּנ אַז דֶער מְחוּתָּן אִיז נָאךְ דָא אוּנ קָאן מִיךְ בֶּעגֶעגְנֶען. אִין אַ טוּךְ אַייְנְגֶעהִילֶעט עֶפִּים וִוי אַ מַארְק יוּדֶענֶע, הָאט עֶר מִיךְ אָנְגֶעקוּקְט. גוּט וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם אָבְּגֶעהַאלְטֶען, עֶר וָואלְט דִי קְלוּגֶע כַּלָּה זַיינֶע אִיצְט גֶעפוּנֶען אִין זָאקֶען, וִוי אַ מְשׁוּגָעַנֶע, נִיט דָא

געדאכט! געהט ארויס ר' שלמה, ער ווארט אויף אייך. "ר' שלמה איז נאך איהר ארויס געגאנגען. אין עסענציממער האט ר' העניך ערצעהלט: ער האט א גאנצע נאכט ניט געשלאפען איבער דעם געכטיגען עגמת נפש און האט קוים טאג דערהארט צו קומען זיך נאכפרעגען וואס מאכט די כלה; נור איצט איז ער רוהיג: ער האט פון ר' פנחסלען א טעלעגראמע בעקומען. "נאט זייט מוחל, לייענט!" ר' שלמה האט די ברילען אנגעטהאן און שווערליך איבער געלייענט: "טעלעגראמע רבין געוויזען, זייט רוהיג, געזונד ווערן. מזל טוב! זייט רוהיג, פנחס". ר' שלמה איז געשטארקט געווארן. און אום ר' העניך'ן א נייעם צער ניט צו פעראורזאכען האט ער איהם א הערוץ געזאגט, ער קאן איצט די כלה ניט זעהן, ווייל זי שלאפט זיך, זיא ווייס אליין ניט וואס מיט איהר איז געכטען געשעהן. דערפאר מחותן, וועט איהר מיר צוליעב טהון און זיך ניט לאזען בעטען ביי מיר היינט אויף א מיטאג צו קומען. איך מוז דאס מיין אלטער אויך מפצה זיין: געכטען איז דער קנין אזוי אונגעריכט געוועזען, אז אפילו דאס ווייב מיינס איז דערביי ניט געוועזען, זי איז גערעכט אז זי האט דערפון יסורים, ניט אמת?

ר' העניך האט צוגעזאגט א זייגער דריי צו קומען, און האט זיך פריינדליך צוזעגענט. חייע'לע איז אוועקגעלאפען צו דבורה'ן און מיט רייד און ענטשולדיגונג פועל געוועזען: דבורה זאל א שאנעם מיטאג צוגרייטען. דריי א זייגער איז ר' העניך געקומען. אויך שימעלע האט זיך ניט געלאזט בעטען און איז געקומען ניט געבעטען. ר' העניך האט איהם שטילערהייט א זאג געטהון: ער שמעון, וועט קיין חרטה האבען אז ער וועט פועל זיין: עס זאל טאקי היינט א תנאים זיין, זאל מען טאקי זעהן שווארץ אויף ווייס, אז מיין זוהן איז א חתן געווארן. שמעון האט אבגעווארט דעם פלאן פארצולעגען ביז ער האט בעמערקט, אז ר' שלמה איז שוין פון דער משקה א ביסעל אנגעווארעמט געווארן. — וואס וואלטען די מחותנים זאגען, האט ער א זאג געטהון, אז איך וואלט כדומה למשל זאגען: מען זאל טאקי איצט מאכען תנאים?.. פון מיינער זייט איז קיין מניעה ניט! האט ר' העניך געאנטווערט, אדרבה, מיר איז טאקי דאס ניחא.

— און וואס זאגט איהר חייע'לע? האט שמעון געפרעגט, ווען העניך איז מיט א כבוד ארויסגענאנגען, די מחותנים צו לאזען זיך מישב זיין. — וואס זאל איך זאגען? האט זי געאנטווערט, דער פעטער איז אלטער און קלינער פאר מיר, זאל ער זיין דעה פריהער זאגען.

— און איך זאג, האט ר' שלמה זיך אבגערופען, עס האט נאך צייט!

— זאגט איהר אליין, איז שמעון אריינגעפאלען אין די רייד, איז ניט גלייכער פאר אייך, אז עס זאל אלץ אבגעשריבען זיין שווארץ אויף ווייס? נור הרבו עלי מאד מהר ומתן: בעט וואס מעהר, ר' העניך זאל זיך מתחייב זיין, איהר וועט אלץ אויספידרן. פאלגט מיר און זאל מען שרייבען די תנאים.

— איך בעט אייך ר' שמעון, איז ר' שלמה מיט זיין דעה ארויס, רעדט ניט אומזיסט! געכטען האב איך פון דער כלה קיין בפירוש ווארט ניט געהערט, אז זי איז ניט צופרידען, האב איך גערעכענט פאר אמת, אז זיא איז אליין אויך מסכים.

— אזוי אמת, זאל מיר גאט בעגליקען מיט אלץ וואס איך ווינש מיר! האט חייע'לע געשוואוירן, א נויטה איז מיר געוועזען אייך א לייען צו זאגען? איך האב עס

נאר פון אייך ניט פערדינט שוואגער. עס ווייזט אויס.. ווי איך וואלט מיין איינעם קינד זיין א שטיפמאמע אונ איך האב עס געוואלט פערקויפען פאר מי יודע וועמען!... ביי די רייד האט זי אנגעהויבען וויינען.

— ניט האב קיין פאראיבעל! האט ר' שלמה איבערגעבעטען. איך בין דיך חלילה ניט חושד דאס וואס אפילו א שטיפמאמע וואלט עס אויך ניט טהון; נאר איך זאג, אז היינט איז פארט ניט גלייך צו געבטען, ווייל היינט האב איך פון איהר בפירוש געהערט אז זיא וויל דעם שדוך ניט. — עולם כמנהגו נוהג, תייעלע, מען דארף זיך נוהג זיין ווי דער מנהג איז אין דער וועלט: אמאל איז דער מנהג געוועזן אז חתן כלה זאלען זיך זעהן ערשט צו בעדעקענס; איצט אבער איז מען זיך אין פיעל מקומות נוהג, אז חתן כלה זעהען זיך נאך קודם תנאים, בפרט ביי א יתומה, וואס מיר האבען דארויף א סמך פון פסוק: פריהער, בעת בתואל הארמי האט נאך געלעבט, דערצעהלט דער פסוק: "ויען לבן ובתואל ויאמרו מה' יצא הדבר": מיר זעהען דא א גאט זאך, לא נוכל דבר אליך רע או טוב, מיר קאנען געגען א גאט זאך ניט שלעכט ניט גוט זאגען, "הנה רבקה לפניך קח ולך": נעהם זי ו' דער נאך, ווי דער מדרש וויל האבען, אז א מלאך איז געקומען אונ האט בתואל'ן געהרגעט אונ די כלה איז געווארן א יתומה, דערצעהלט שוין דער פסוק: "ויאמר אחיה ואמה": איהר ברודער אונ איהר מוטער; ווארום דער פאטער איז שוין ניט געוועזן". "תשב הנערה אתנו ימים או עשר": זאל נאך דאס מיידעל זיין ביי אונז האטש א צעהן טאג; ווארום זי איז שוין א יתומה אונ אין א שדוך פאר א יתומה טאהר מען ניט איבעראיילינ זיין; אבער אז אברהם'ס שליח האט זיי געזאגט: וואס האלט איהר מיך אויף? איהר זעהט דאך אז גאט האט מיין וועג מצליח געוועזן! האבען זיי געזאגט "פון דעסטוועגען איז דער יושר, "נקרא לנערה ונשאלה את פיה: לאמיר פרעגען" די כלה אליין, ווארום מען טאהר א יתומה ניט נויטהען." פערשטעהט איהר? האטש איך זעה אין דעם שדוך א גאט זאך אונ איך קאן ניט זאגען: איך בין ניט מסכים; אבער אונזער רחל'ע איז א יתומה אונ אײדער זי וועט אליין איהר חתן זעהן אונ אונז ניט זאגען, אז ער געפאלט איהר, וועל איך בפירוש צו א תנאים אהן איהר הסכם ניט מסכים זיין!

— ר' שלמה, האט זיך שימעלע ארויסגעכאפט מיט גרוים היטץ, איך וויל אייך איבערזאגען א שטיקעל תורה, וואס איך האב אמאל געהערט פון ר' פנחס'לען, טאקי אין דעם אייגענעם ענין. "עולם כמנהגו, טייטשט ר' פנחס'ל, ניט כמנהג המקום והמדינה; נור כמנהגו של מקום ברוך הוא": ווי דער מנהג פון דעם קודשא בריך הוא אליין!.. "לאס מיר זעהן, זאגט ר' פנחס'ל, ווי האט דער כביכול זיך נוהג געוועזן בעת ער האט בעדארפט התונה מאכען זיין ערשט געבארענעם יצור כפיו וואס ער איז שקול כנגד כל הנשמות שבגוף? האט ער איהם געפרעגט: וועלכע כלה ווילסט דו? האט ער איהם געזאגט: זאג מיר, מיין אדם'ל, ווילסטו א כלה א ביסעל א פערצייטיגע אפילו, אבער דווקא א פרומע יודישע טאכטער; אדער דו מיינסט דווקא א היינטוועלטיגע מיט פראנצויזמעריש, מיט ליעבע וכדומה? צו האסטו ליעב א ברונע-עטע, ווי די מופקרים רופען אן די שווארץ חנווודיגע בתולות; אדער עס וועט אפשר ניט שאדען א בלאע-דינע" (בלאנדינע) מיט ווייסליבע שערות, מיט אויגען בלאע ווי דער הכנף

פְּתִיל תְּכֵלֶת ?" וִוי דִי תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה דֶערְצֶעהְלְט אוּנְז, הָאט נָאר דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם דֶעם חָתָן חַנַן גֶעהֵייסֶען זִיךְ שְׁלָאפֶען לֶעגֶען. ״שְׁלָאף מַיין קִינְד, אוֹיף אַ כַּלָּה בִּין אִיךְ אַ מֵבִין, נִיט דַיין זַאךְ. דוּ וֶועסְט צוּנֶעהמֶען וֶועלְכֶע אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען !״ וְכַךְ הֲוָה, אָדָם הָאט זִיךְ רוּהִיג גֶעשְׁלָאפֶען אוּנ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנ בַּאלְד טַאקִי צוּ דֶער חוּפָּה גֶענַאנְגֶען.. אוּנ גֶעלוֹיבְּט אִיז עֶר, דָאס יוּנְגֶע פָּאר פָאלְק הָאט קִינְדֶער אוּנ קִינְדְס קִינְדֶער גֶעהַאט אוּנ מִיר אַלֶע זֶענֶען זֵייעֶרֶע עֶנִיקְלֶעךְ. אֶפְשָׁר נִיט אֱמֶת ? אַי וָואס ? אִיהר בְּרֵיינְגְט אַ רְאָיָה פוּן דֶער תּוֹרָה, וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעזָאגְט: לָאם מִיר פְרָאגֶען דִי נַעֲרָה ? זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיהר הָאט אַ טָעוּת. זָאגְט מִיר, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, הָאט אָדָם הָרִאשׁוֹן וָואס עֶר הָאט דָאךְ בְּוַדַאי קֵיין פָאטֶער נִיט גֶעהַאט, נִיט גֶעהַאט דֶעם דִין פוּן אַ יָתוֹם ? פַאר וָואס הָאט דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם קֵיין מוֹרָא גֶעהַאט טָאמִיר וֶועט אָדָם הָאבֶּען אוֹיף אִיהם תַּרְעוּמוֹת, פַאר וָואס עֶר הָאט אִיהם חַתוּנָה גֶעמַאכְט מִיט חַוָּה'ן אֵיידֶער עֶר הָאט זִי נָאךְ גֶעקֶענְט אוּנ גֶעזֶעהְן ? אֶלָּא מוּזֶען מִיר זָאגֶען, אַז דֶער מִנְהָג פוּן פְרֶאגֶען אַ כַּלָּה אוּנ פוּן זֶעהְן זִיךְ פַאר דִיא תְּנָאִים אִיז דָאס נוּר גֶעוֶועזֶען אַ מִנְהָג לָבָן הָאֲרַמִּי אוּנ נִיט אַ מִנְהָג יִשְׂרָאֵל חָלִילָה; עַל כֵּן פֶערְגֶעסְט נִיט רַבּוֹתַי, אַז דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען הָאט גֶעהֵייסֶען ר׳ הֶענִיךְ'ן פָאהרֶן קֵיין קְלֵיינִיץ אוּנ אִיהם צוּגֶעזָאגְט אַז פוּן קְלֵיינִיץ וֶועט עֶר שׁוֹין אָהן אַ תְּנָאִים נִיט אַוֶועק פָאהרֶן, מִסְתָּמָא הָאט עֶר דָאךְ עֵפִּים מְכֻוָּן גֶעוֶועזֶען ! . . . סַייעֶן, ר׳ שְׁלֹמֹה, אִיהר זֶענְט אַ מִתְנַגֵד אוּנ אִיהר הָאט קֵיין אֱמוּנַת צַדִיקִים נִיט ?

— אַ מִתְנַגֵד זַייט אִיהר אַלֵיין ! הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה בְּרוֹגֶז זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, אַייךְ גֶעהט דָא אוּם אַייעֶרֶע שַׁדְכָנוּת, מִיר אָבֶּער גֶעהט דָא אוּם לֶעבֶּען, אוּם לֶעבֶּען זָאג אִיךְ אַייךְ ! קֵיין קְלֵיינִיגְקֵייט נִיט טְהָרֶערְן פוּן אַ יְתוֹמָה.. בְּהֵמוֹת, וָואס פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר נִיט, אַז מִיר אִיז דֶער שְׁדוּךְ גֶעפֶאלְן ? וָואס זָאל אִיךְ אָבֶּער מִיט אִיהר טְהוּן ?

חַייעֶלֶע הָאט אִיהר שְׁוָואגֶער גוּט גֶעקֶאנְט אוּנ דַארִיבֶּער הָאט זִי גֶעזֶעהְן אָנְצוּוֶוענְדֶען דָאס לֶעצְטֶע מִיטֶעל.

— וֵוייסְט אִיהר וָואס אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען, הָאט זִי אַ עֵצָה גֶעגֶעבֶּען, דֶער פֶעטֶער אִיז גֶערֶעכְט, לָאם מִיר אַרַיינְרוּפֶען ר׳ הֶענִיךְ'ן אוּנ אַ פָּאר גוּטֶע פְרַיינְד אוּנ מֶען זָאל שְׁטֶעלְן אַ בִּיסֶעל מַשְׁקֶה אוּנ חָאטְשׁ זָאגֶען אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע מַזָל טוֹב. אָט וֶועט ר׳ הֶענִיךְ כְּאֱמֶת הָאטְשׁ וִויסֶען, אַז עֶס אִיז אַ קִנְיָן גֶעוֶועזֶען !

— אוֹיף אַ בִּיסֶעל מַשְׁקֶה, זֶעהְסְטוּ, בִּין אִיךְ מַסְכִּים גָאר אָהן יִשׁוּב הַדַעַת. הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה צוּגֶעשְׁטִימְט. חַייעֶלֶע הָאט שִׁמְעֶלֶען גֶעבֶּעטֶען זִיךְ מַטְרִיחַ זַיין אוּנ צוּזַאמֶענְבְּרֶענְגֶען אַלֶע נָאהֶענְטֶע קְרוֹבִים, אוּנ דֶערְוַוייל הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה מִיט ר׳ הֶענִיךְ'ן דוּרְכְגֶערֶעדְט פֶערְשִׁידֶענֶע פְּרָטִים. דְבוֹרָה אִיז בֶּעשֶׁעפְטִיגְט גֶעוֶועזֶען צוּ צוּגְרֵייטֶען אַ פֵיינֶעם מַזָל טוֹב, אוּנ זִי הָאט זִיךְ פֶערְגִינְט אַז דָאס אַלְץ טְהוּט זִיךְ בַּיי אִיהר אִין שְׁטוּב. עֶס זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען גֶעסְט, מֶען הָאט מִנְחָה אוּנ מַעֲרִיב אָבְּגֶעדַאוֶוענְט, אוּנ מֶען הָאט זִיךְ אַרוּם טִישׁ גֶעזֶעטְצְט.

— כֹּהֵן מְבָרֵךְ ! הָאט שִׁמְעֶלֶע אַלְס סַארְוֶוער אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן, אַז עֶר הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה'ן צוּגֶעטְרָאגֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע גְלָאז וַויין. ר׳ שְׁלֹמֹה הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט לְחַיִים גֶעזָאגְט אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען, נָאךְ אִיהם הָאט ר׳ הֶענִיךְ גֶעטְרוּנְקֶען, ד״

מְחוּתָּנִים הָאבֶּען זִיךְ מַזָל טוֹב גֶעזָאגְט אוּנ זִיךְ הַיים צוּקוּשְׁט. חַייעֶ׳לֶע הָאט מַזָל צוּגֶעוואוּנְשֶׁען דְבוֹרָה׳ן, דְבוֹרָה אִיהר — אוֹיךְ דָאס אֵיינֶענֶע, אוּנ אַז ר׳ שְׁלֹמה הָאט גֶעהַאלְטֶען בַּיי דֶעם כּוֹס רְבִיעִי אִיז עֶר שׁוֹין גֶעוֶועזֶן גָאר אַ אַנְדֶער מֶענְשׁ. ר׳ הֶענִיךְ הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט אַ נְדָבָה הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל אוֹיף בִּקוּר חוֹלִים אִין קְלֵיינִיצֶער חֶבְרָה, אַז מֶען וֶועט הַיינְט שְׁרַייבֶּען תְּנָאִים. אַלֶע מְחוּתָּנִים אוּנ קְרוֹבִים זֶענֶען בַּאלְד אַרִיבֶּער אוֹיף ר׳ הֶענִיךְ׳ס צַד אוּנ ר׳ שְׁלֹמה, וֶועלְכֶער הָאט שׁוֹין קֵיין כֹּחַ מֶעהר גֶעהַאט אוֹיף זַיינֶע פִּיס גְלַייךְ אַיינְצוּשְׁטֶעהן, הָאט זִיךְ שׁוֹין זֶעלְבְּסְט אוֹיף זַיין דֵעָה נִיט גֶעקָאנְט הַאלְטֶען אוּנ הָאט אוֹיךְ נָאכְגֶעגֶעבֶּען. מֶען הָאט תְּנָאִים גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ גֶעחַתְמֶעט, מֶען הָאט טֶאפּ אוּנ טֶעלֶער צוּבְּרָאכֶען אוּנ גֶעטְרוּנְקֶען בִּיז רֶעכְט בֶּעגִינֶען. דֶעם צַד הַמְשַׁנֶה הָאט מֶען אַיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ הֶעלְפְט פוּן דֶעם נַדָן קְנָס אוּנ אַזוֹי הָאט מֶען לְפָנִים גֶעשְׁרִיבֶּען עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים נַדָן מִצַד הַכַּלָה, חָאטְשׁ בֶּאֱמֶת הָאט מֶען הֶענִיךְ׳ן אָפֶּען גֶעזָאגְט אַז הָאכְּסְטֶען קָאן דֶער כַּלָה׳ס נַדָן אוּנ חֵלֶק יְרוּשָׁה בֶּעטְרֶעפֶען בִּיז פִינְף טוֹיזֶענְד. פַאר דֶעם פוּנְקְט הָאט זִיךְ ר׳ שְׁלֹמה דֶערְשְׁרָאקֶען; אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ רֶעכְט שִׁכּוֹר גֶעפִיהלְט אוּנ זַיין צוּנְג הָאט זִיךְ אָפְּגֶעזָאגְט אַרוֹיס צוּ רֶעדֶען וָואס זַיין הַארְץ פִיהלְט.

## ה.

ר׳ הֶענִיךְ הָאט זַיין וָוארְט מְקַיֵים גֶעוֶועזֶן אוּנ הָאט צוּגֶעשִׁיקְט שִׁמְעוֹנ׳ן אַ טְהַייעֶרֶע צִיעג. אַז שִׁמְעוֹן הָאט חַייעֶ׳לֶען אָנְגֶעזָאגְט וָואס פַאר אַ מַתָּנָה עֶר הָאט פוּן אִיהר מְחוּתָּן עֶרְהַאלְטֶען, הָאט זִי אִיהם גֶעוואוּנְשֶׁען: פֶערְנִיטְצֶען גֶעזוּנְדֶערְהֵייט, אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען אַרוֹיסְגֶעבֶּען פוּן הַייוֶוען זַאנָואד, בְּרַאהֶע, וָוייפִיעל זַיין צִיעג וֶועט נוּר קָאנֶען אוֹיסְטְרִינְקֶען, אוּנ הָאט צוּגֶעזָאגְט קוּמֶען אַ קוּק טְהוּן אוֹיף זַיין צִיעג.

ר׳ שִׁמְעוֹן אַלֵיין אִיז דֶערְבַּיי גֶעשְׁטַאנֶען בְּעֵת מֶען הָאט דֶער צִיעג דֶעם עֶרְשְׁטֶען טְרוּנְק גֶעגֶעבֶּען, אוּנ בְּעֵת זִי הָאט אִיהר צִיעגֶענֶע מָארְדֶע מִיט אִיהר בָּארְד צוּזַאמֶען אִין דֶעם קְלַייעֶנְטְרוּנְק אַרַיינְגֶערוּקְט אוּנ גֶעזוּפְּט מִיט אַפֶּעטִיט, הָאט שִׁמְעוֹן נַחַת גֶעקְלִיבֶּען אוּנ הָאט פַאר אִיהר אַ טַעַם גֶעפִיהלְט וִוי עֶר וָואלְט אַלֵיין אִין דֶער מִינוּט דֶעם בֶּעסְטֶען וַויין גֶעטְרוּנְקֶען. אַז מֶען הָאט דִי צִיעג פַאר נַאכְט אוֹיסְגֶעמָאלְקֶען הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט: וָוויפִיעל גְלָאז מִילְךְ בֶּערֶעךְ נִיט אוּנְזֶער צִינְגֶעלֶע?

— אִיךְ וֵוייס נִיט, וָואס דַארְף אִיךְ מֶעסְטֶען?

— דוּ בִּיזְט גֶערֶעכְט! הָאט עֶר צוּגֶעשְׁטִימְט, דָאס אִיז אַ בְּפֵירוּשֶׁע גְמָרָא, דִיא גְמָרָא זָאגְט: מַזָל בְּרָכָה אִיז נוּר שׁוֹלֵט אִין אַזַאךְ וָואס אִיז פֶערְהוֹילֶען פוּן אוֹיג, דָאס הֵייסְט: וָואס מֶען צֶעהלְט נִיט, וָואס מֶען מֶעסְט נִיט אוּנ וָואס מֶען וֶועגְט נִיט. אִיצְט פֶערְשְׁטֶעה אִיךְ צוּ וָואס דוּ הָאסְט דִי דוֹינִיצֶע מִיט דַיין פַארְטוּךְ אַרִיבֶּערְגֶעדֶעקְט תֵּיכֶף וִוי דוּ הָאסְט אוּנְזֶער כָּשֵׁר צִיעגֶעלֶע אוֹיסְגֶעמָאלְקֶען.

— זֶעהסְטוּ, חָאטְשׁ אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעלֶערְנְט קֵיין גְמָרָא אוּנ חָאטְשׁ אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעהַאט אֵייגֶענֶע קִיה אוּנ צִיעגֶען צוּ מֶעלְקֶען, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וֵוייס אִיךְ בָּרוּךְ הַשֵׁם וִוי אַ בַּעַל הַבָּיִת׳טֶע צוּ זַיין, הָאט דָאס וַוייבּ זִיךְ בֶּערִיהמְט פַאר אִיהר מַאן.

זִי הָאט דִי מִילְךְ דוּרְךְ אַ הַאנְדְטוּךְ דוּרְכְגֶעזַייעט אוּנ אִיהם גֶעגֶעבֶּען צוּ פֶערְזוּכֶען

אַ האַלבּע גלאָז, ר׳ שמעון האָט אַ בּרכה געמאַכט: שהכּל נהיה בּדברו, אַ זופּ געטהון און די גלאָז אויפגעהויבּען. זיך שטאַרק איינגעקוקט אין מילך אַריין, ווי אַ געניטער טרינקער, וואָס האָט אַ הנאה צוקוקען אויף דעם ווייַן וואָס קאָלירט זיך אין ווייַנגלאָז.

— פאַר וואָס טרינקסטו ניט? האָט דאָס ווייבּ געפרעגט.

— איך קלער: צו מאָג איך מאַכען אַ בּרכה שהחיינו בּשם ומלכות צו ניט? דערמאָן זיך נור, וואָס מיר האָבּען זוכה געוועזען צו דערלעבּען! אַ קינד אויסצוגעבּען פאַר אַ פיינעם בּעל הבּית אָהן אַ עין הרע, און מיר האָבּען נאָך אַ איטעגע ציעג איינע אין שטאָדט. לייטישע ציעגען זיינען נעגען איהר ציעגעלעך.

— מיר מאָגען שהחיינו מאַכען און דאַנקען און לויבּען דעם רבּונו של עולם פאַר זיינע חסדים, האָט דאָס ווייבּ אויפהייבּענדיג האַנד און אויגען צום הימעל אויסגערעדט.

ר׳ שמעון האָט „שהחיינו״ געמאַכט. ווי ער וואָלט זיך ניט פערגונען מיט אַמאָל די טהייערע משקה אַראָפּצושלינגען, האָט ער יעדען זופּ געהאַלטען אין מויל דעם טעם וואָס לאַנגער צו פיהלען.

— וואָס זאָגסטו אויף די מילך? דו דאַרפסט דאָך אַ מבין זיין אויף אַזעלכע זאַכען, האָט דאָס ווייבּ מיט אַ חניפה געפרעגט.

— אַ משקה, בּעסער ווי דער יין הטוב! האָט ער געענטפערט, אַ מאכל מלכים. זאָג איך דיר; מיך פערדריסט נור וואָס אונזערע חכמים ז״ל האָבּען אויף מילך ניט קובע געוועזען אַ בּרכה בּפני עצמה ווי אויף ווייַן, און האָבּען געהייסען מאַכען „שהכּל״, עפּיס נאָר ווי אויף וואַסער; נור דאָס איז אויך רעכט, דאָס האָבּען זייא געמיינט: אין ארץ ישראל, וואָס זי איז געוועזען אַ ארץ זבת חלב ודבש, מילך און האָניג האָבּען דאָרט טייכענווייז געפלאָסען, איז קיין חדוש וואָס זיי האָבּען מילך ניט געהאַלטען פאַר אַזאַ חשובע משקה; אָבּער בּיי אונז אין חוץ לארץ, איז טאַקי מילך זעהר אַ חשובע משקה און מיר מאָגען דאַנקען דעם רבּונו של עולם פאַר דאָס ביסעל מילך און בּעטען איהם געזונד און יאָהרן פאַר אונזער ציעגעלע זאָל לעבּען! פערזוך דוא אויך אַ ביסעל, איך בּעט דיך. האָט שמעון צאַרטליך זיין פרוי געבּעטען. דו מאַנסט זיך פערגינען, נישקשה, אונזער ציעגעלע וועט אונז מאָרגען געבּען אַנדערע.

זי האָט אויך פערזוכט און אַוועקגעשטעלט די גלאָז מיט אַ שווערן זיפץ.

— וואָס זיפצסטו, שטיא? האָט ער טריי און צאַרטליך געפרעגט.

— איך מוז דיר זאָגען מיין מאַן, האָט זי איהר פאָל הארץ פרייד אויסגעגאָסען. איך האָבּ מורא: צו וועלן די גרויסע חסדים וואָס דער רבּונו של עולם טהוט מיט אונז, חלילה ניט זיין אונז, נאָך הונדערט און צוואַנציג יאָהר, אַ אָפּרעכענונג פון אונזער חלק לעולם הבּא אין גן עדן? איך ווייס גאָר ניט פאַר וועלכע מעשׂים טובים מיינע ניט עס מיר דער רבּונו של עולם אַזוי פיעל נחת מיט אַמאָל?

— דו בּיזט אַ יודינע! האָט ער געזאָגט, דו ווייסט גאָר ניט, אַז אַמאָל איז דאָ זכות אבות, אַמאָל איז גורם אַ בּרכה פון אַ צדיק. — האָבּ קיין מורא, אונזער שׂכר אין גן עדן וועט אונז ניט געמינערט ווערן; ווארום דער שׂכר פון אַ מצוה איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. אַזוי זאָגט די גמרא און אַזוי שרייבּט ר׳ פּנחסלו אין דעם בּרכה

בריוועל בפירוש, אז דאס שיקט ער מיר נור שכר טרחה; אבער ניט שכר מצוה! פערשטעהסטו נור וואס מען רעדט צו דיר?

פון דעם טאג האט שמעונ'ס ציפע נושא חן אונ קונה שם געוועזען אין גאנץ שטאדט. אלע האבען זי געקענט אונ מען האט זי קיין אנדער נאמען ניט גערופען, נור די מזל ברכה ציפע׳. די חדר יונגלעך, פלעגען איהר זייער פריהשטיקס אונ חדר מיטאג׳ן אוועג געבען אונ האבען זי גערופען: דעם רבינ'ס ציפע׳! זיי האבען אויף איהר געקוקט, עפיס ווי אויף א הייליגע זאך אונ האבען מורא געהאט זיך צו זעטצען בייטען אויף איהר; אפילו דער פאסטוך פון דער טשערעדע האט פאר איהר דרך ארץ געהאט אונ האט איהר א נאמען געגעבען ,ראבבינא מאשקא׳.

ר׳ שמעון האט באלד נאך דער ציפע אויך זיינע שדכנות בעקומען פון ביידע צדדים נאך מעהר וויפיעל ער האט געהאפט אונ ער האט שוין געקאנט אנהייבען צו ריכטען זיך אויף דער חתונה ביי זיין טאכטער, וועלכע ער האט געוואלט מאכען, — אז גאט האט איהם שוין יוא געהאלפען, — מיט גרויס פאראד. קליידער, בעטגעוואנדט אונ אלע איבריגע הצטרכות האט שוין זיין ווייב צוגעגרייט, אונ געהאריוועט טאג אונ נאכט איהר ערשט קינד אויסצוגעבען אויף דעם פיינסטען אופן. עס האט ניט מעה־ געפעהלט, ווי א זאאל א גרויסער וואו די חתונה אבצושפילען. ר׳ שמעון האט איהר געזאגט, אז ער וועט נור מיט חיע׳לען איין ווארט איבערעדען, וועט זי לאזען די חתונה מאכען ביי איהר אין שטוב. ,אונ דאס פערשטעהסטו, מיין ווייב, וועט פאר אונז קיין חסרון זיין, חיע׳לע וועט וועלן אונזער שמחה בעשאנען אונ וועט מסתמא זעהן אז עס זאל קיין זאך ניט פעהלען׳!

— דאס פערלאנג איך גאר ניט, האט דאס ווייב געזאגט, איך האב ברוך השם אלץ צוגעגרייט, מיר דארפען חלילה איהרע ניט! ביז דער חתן וועט קומען פון יריד, וואו ער איז מיט מזל געפאהרן וועט נאך געוועהרן געוויס א פאר וואכען; נור דערווייל שאדט ניט דו זאלסט מיט חיע׳לען איבערעדען אונ זי זאל דיר צוזאגען. געה טאקי היינט אריין, מיין מאן, צו איהר.

ר׳ שמעון האט זיין ווייב געפאלגט אונ איז אין אבענד נאך דעם זעלבען געשפראך אריינגעגאנגען צו חיע׳לען. חיע׳לע האט איהם געאנטווערט: איך וואלט עס טהון מיט דעם גרעסטען פערגניגען, אונ איך בין טאקי מחויב דאס צו טהון, נור עס מוז נאך געוועהרן א ביסעל, ווייל איצט איז נאך רחל׳ע ניט גאר געזונד.

אונ רחל׳ע איז ווירקליך קראנק געוועזען. די קרענקונגען אונ פערדרוס פון די לעצטע עטליכע טאג האבען זי אזוי אבגעשוואכט, אז זי האט געמוזט אין בעט זיך לעגען. די מוטער פלעגט צו איהר אריינקומען עטליכע מאל אין טאג, רחל׳ע פלעגט איהר אנטווערן אויף אלע איהרע פראגען; אבער זיא האט דער מוטער ניט אנגערעדט. אז דער פעטער ר׳ שלמה, איז אויף מארגען נאך תנאים געקומען איהר אבגעבען מזל טוב אונ זיך פעראנטווערן א ביסעל מיט דעם וואס ער איז שכור געוועזן, האט זי איהם רוהיג געאנטווערט:

— ניט מיך, פעטער, בעט מחילה, מיר האט איהר נאך גאר ניט געטהון. אייערע תנאים בינדען מיך ניט, אבער מחילה בעט ביי אייער זעליגען פאטער אונ

ברידער! זיי האָט איהר בעליידיגט, פאַר אַ טרונק ברוינפען, פעטער.. האָט איהר זייער לעצטען הייליגען רצון צושטאָרט און זייערע קינדער לייד אָנגעטהון! אָ, ווי דאַרף איך מיך שאַמען דיזען אמת אַזוי אָפען אייך צו זאָגען! נור איך נעהם די זינד אויף זיך, ווייל איך וויל איהר זאָלט אייך אויסניכטערן!...

ער האָט זיך שרעקליך בעליידיגט געפונען פון איהרע ווערטער און זיך באַלד מיט דעם אָבגערופען: זעהסטו, דו נאַרישעס קינד, חאָטש דיין פעטער איז אַ שכור פונדעסטוועגען האָט דיר צום שדוך ניט געשאַדט און דו ביזט אַ כלה געוואָרן. אַ כלה, דווקא אַזוי!... איך שרייב שוין צו משה'לען אַז דו ביזט אַ כלה, ווער האָרט אייך ביידען! אַזוי איז אייך בעשערט פון גאָט און געהט העלפט אייך!

זי האָט איהם מעהר ניט געאַנטוואָרט און ער איז מיט צאָרן אַהיים אַוועק. זי האָט באַלד פאַפּיער און טינט גענומען און זיך געזעצט שרייבען אַ בריף צו משה'לען; אָבער איהרע שמערצען און דעם האָבען אַזעלכע באָזע גיפטיגע ווערטער דיקטירט אַז זי האָט זיך פאַר זיך זעלבסט פערשעמט איבערלייענדיג דעם בריף וואָס זיא האָט אויפגעשריבען, אַזוי שלעכט זיך אויסצודריקען געגען איהר מוטער און פעטער. זי האָט דעם בריף צוריסען און אָנגעהויבען אַ אַנדערן צו שרייבען, אָבער דאָ האָט איהר פעדער ווידער צו שלעכט געשילדערט און זי האָט דעם ניט געענדיגטען בריף ווידער אין שטיקלעך צוריסען, ענדליך האָט זי זיך בערוהיגט און געשריבען קורץ:

„ליעבער משה'לע!"

„איך קאָן אין דער מינוט מיינע געדאַנקען ניט צוזאַמענעהמען דיר אויסצושרייבען וואָס מיין הערץ פיהלט איצט. נור טאָמיר טהוט דאָס ווער אָהן מיין ווילען און אָהן מיין וויסען, שרייב איך דיר בעסער אַליין און שוואָר דיר, אַז עס איז אַ ליגען, וואָס זיי שרייבען דיר; גלויב זיי ניט, לאַך זיך אויס דערפון, עס איז גאָר נישט געשעהן.. זיי האָט זיך נור אַ חלום געחלומ'ט און זיי מיינען אַז דאָס איז אויפן וואָהר געוועזן. דו האָסט מיר ניט געהייסען גלויבען אין חלומות, גלויב דו אויך ניט זייערע חלומות. אמת, איך האָב אַ ווייַלע געשלאָפען, אָבער מיר האָט זיך גאָר ניט געחלומ'ט אפילו. איצט בין איך וואַך און אויפן וואָהר זאָג איך דיר, שוואָר איך דיר, אַז דיינע בין איך, משה'לע, דיין איז מיין הערץ און לעבען, וואַכענד און שלאָפענד דיינע! דיינע משה'לע בין איך אין געדאַנק און וואָרט און האָב נאָך ניט אויפגעהערט דיינע צו זיין אפילו איין רגע, פון דער מינוט וואָס דיין איז מיין הערץ געוואָרן!.. ביז מיין צונג וועט נאָך רעדען קאָנען, ביז דאָס הערץ אין מיר וועט נאָך פיהלען וועל איך נאָך דיינע זיין!.. איך בעשווער דיך: דו זאָלסט קיינעם ניט גלויבען; נור גאָט אין הימעל וועלכער ווייס, וויא ליעב האָט דיך און ווי טריי איז דיר דיין רחלע."

חאָטש ר' שלמה האָט איהר אַזוי מיט כעס געאַנטוואָרט, אָבער איהרע ווערטער האָבען ביי איהם אין הערצען אַ אָרט געפונען. „זי איז גערעכט!" פלעגט דאָס הערץ זיינס שרייען, „מיין פאָטער, מיינע ברידער עליהם השלום, האָב איך בעליידיגט!" פלעגט ער וויינענדיג קלאָגען פאַר זיין ווייב. און דו דבורה, האָסט עס צוגעקוקט ווי איך קיילע זיך און דו האָסט מיך דערלאָזען? — דו ביזט שולדיג, דו, זאָג איך! דו האָסט געוואוסט מיין שוואַכע נאַטור, האָסטו מיך ניט בעדאַרפט לאָזען טרינקען.

דָאס וַוייבּ הָאט אִיהם גֶעטְרֶאסְט אוּנ גֶעהֵייסֶען אַ פִּדְיוֹן שִׁיקֶען צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען. חַייעֶ'לֶע אָבֶּער הָאט גֶעבַּאטְהֶען עֶר זָאל פָאהרֶן אוּנ רָהֶלֶ'ען אוֹיךְ מִיטְנֶעהמֶען צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען. אִיךְ שְׁוָוער אַייךְ, ר' שְׁלמה, הָאט זִי גֶעזָאגְט, אַז דָארְט וֶועט זִי גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶן, וָואס וַוייסְט אִיהר, אִיךְ הָאבּ עֶס אוֹיף זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעזֶעהֶן, זָאל אִיךְ אַזוֹי צַייט מַיין לֶעבֶּען קֵיין בָּאז נִיט קְלָארֶן וִוי אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקְלָארְט אַזוֹי נִיךְ חוּפָּה הָאבֶּען; נוּר אַז אִיךְ בִּין דָארְט גֶעוֶועזֶן אוּנ דֶער רֶבִּי אַלֵיין הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז אַזוֹי אִיז מִיר בֶּעשֶׁערְט, אִיז בַּיי מִיר רֶעכְט גֶעוָוארֶן... אִיךְ וַוייס אַלֵיין נִיט וָואס מִיט מִיר אִיז גֶעשֶׁעהֶן, אַ אַנְדֶערֶע בִּין אִיךְ דָארְט גֶעוָוארֶן, אַט וֶועט אִיהר מִיךְ נַארְר אוּנ שְׁלֶעכְטֶע אָנְרוּפֶען אוֹיבּ רָחֶלֶ'ע וֶועט דָארְט נִיט צוּם שֵׂכֶל קוּמֶען! זָאל זִי נוּר פָאהרֶן, זָאל זִיא מִיט אִיהרֶע אוֹיגֶען זֶעהן וֶוער אוּנְזֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען אִיז, זָאל זִי דָארְט זִיךְ אָנְהֶערֶן דִי גְדוֹלָה אִיהרֶע, אַז זִי וֶועט ר' הֶענִיךְ'ס שְׁנוּר זַיין, וֶועט זִי אוּנְז מְחִילָה בֶּעטֶען, וִוי אִיצְט אִיז טָאג אוֹיף דֶער וֶועלְט!

נָאךְ דֶעם גֶעשְׁפְּרֶעךְ הָאט עֶר שׁוֹין זַיין דְבוֹרָה'ן אַ גַאנְצֶע נַאכְט נִיט גֶעלָאזֶען שְׁלָאפֶען. אִיךְ זָאג דִיר דְבוֹרָה הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אַ הַארְטֶער שְׁטֵיין לִיגְט אוֹיף מַיין הֶערְצֶען, אִיךְ וִויל, אִיךְ מוּז פַאר דֶעם רֶבִּין זָאל לֶעבֶּען זִיךְ אוֹיסְרֶעדֶען, אִיךְ וִויל פוּן זַיין אֵיינֶען מוֹיל הֶערֶען, אַז דֶער שִׁדוּךְ אִיז אַ בֶּעשֶׁערְטֶע זַאךְ. עֶר הָאט בְּרֵייטֶערֶע פְּלֵייצֶעס פַאר מַיינֶע, זָאל עֶר דֶעם עוֹל נֶעהמֶען אוֹיף זִיךְ. דֶער יְתוֹמָה'ס טְהרֶערֶן בְּרִיהֶען מִיךְ וִוי פַייֶער, רֶעדְט זִי מִיר אַ וָוארְט אוֹיס, לֶעכֶערְט עֶס מִיר דוּרְךְ מַיין הֶערְץ, רֶעדְט זִי נִיט אוּנ אִיז בְּרוֹגֶז אִיז מִיר נָאךְ אֶרְגֶער! .... אִיךְ מוּז פָאהרֶן, וָואס זָאגְסְטוּ דְבוֹרָה?

דְבוֹרָה הָאט אִיהם מַסְכִּים גֶעוֶועזֶען. עֶס אִיז קוֹים טָאג גֶעוָוארֶן אִיז עֶר אַוֶועק צוּ חַייעֶ'לֶען. שְׁטִיל אוּנ פָארְזִיכְטִיג, וִוי אַ פֶערְזִינְדִיטְגֶער הָאט עֶר רָחֶלֶ'ס טְהִיר גֶעאֶפֶענְט. זִי הָאט גֶעדַאוֶוענְט אוּנ נִיט בֶּעמֶערְקְט וִוי דִי טְהִיר הָאט זִיךְ גֶעאֶפֶענְט, אוּנ הָאט פוּן סִדוּר אִיהרֶע אוֹיגֶען נִיט אַרוֹיס גֶענוּמֶען. עֶר הָאט גֶעמֵיינְט זִי אִיז בְּרוֹגֶז אוּנ וִויל אִיהם זֶעלְבְּסְט אַ קוּק נִיט שֶׁענְקֶען. עֶר אִיז שְׁטֶעהן גֶעבְּלִיבֶּען וִוי פֶערְשְׁטֵיינֶערְט אוֹיף זַיין אָרְט בַּיי דֶער טְהִיר, נִיט גֶעוַואגְט אַ טְרִיט וַוייטֶער צוּ שְׁטֶעלֶען. עֶר הָאט גֶעזֶעהן וִוי אִיהרֶע טְהרֶערֶן קוֹיקֶלֶען זִיךְ וִוי פֶּערְל אִיבֶּער אִיהרֶע בַּאקֶען אוּנ פַאלֶען אוֹיף דֶעם סִדוּר; נוּר דִיזֶע טְהרֶערֶן זֶענֶען פוּן סִדוּר גְלַייךְ אִין זַיין הֶערְצֶען אַרַיין אוּנ הָאבֶּען דָארְט אוֹיפְגֶעוֶועקְט דִי צַארְטֶעסְטֶע טְרַייעֶ גֶעפִיהלֶע זַיינֶע. אִיהם הָאט גֶעדַאכְט: זִיא בֶּעט בַּיי גָאט אַ שְׁטְרָאף אוֹיף אִיהם. עֶר הָאט גֶעפִיהלְט עֶס דְרִיקְט אִיהם, עֶר וִויל זִי מְחִילָה בֶּעטֶען, עֶר וִויל זַיין פְרוּמֶע פְלֶעמֶענִיצֶע צוּדְרִיקֶען צוּ זַיין בְּרוּסְט, אִיהר נַוייזֶען, אַז זַיין הֶערְץ אִיז נִיט פוּן שְׁטֵיין, אַז עֶר פִיהלְט, עֶר לַיידְט דֶערְפוּן אֶפְשַׁר נָאךְ מֶעהר פַאר אִיהר; עֶר הָאט עֶס אָבֶּער נִיט גֶעוַואגְט אוּנ אִיז אַזוֹי גֶעשְׁטַאנֶען בִּיז זִי הָאט דֶעם סִדוּר פֶערְמַאכְט.

– מַיין לִיעבֶּע פְרוּמֶע טָאכְטֶער! הָאט עֶר אוֹיסְגֶערֶעדְט אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען פוּל גֶעוָוארֶן מִיט טְהרֶערֶן.

– אַךְ, מַיין, גוּטֶער פֶעטֶער! הָאט זִי גֶעאֶנְטְוֶוערְט בֶּעמֶערְקֶענְדִיג זַיינֶע טְהרֶערֶן, וָואס הָאט אַייךְ גֶעבְּרַאכְט אַזוֹי פְרִיה אַהֶערְצוּ?

– מַיינֶע דַאגוֹת, מַיינֶע צָרוֹת, לִיעבּ קִינְד, טְרַייבֶּען מִיךְ! הָאט עֶר מִיט אַ פֶּער-

שְׁטִיקְטֶער שְׁטִימֶע אוֹיפְגֶעֶרעֶדְט, שְׁטֵיינֶער שְׁוֶוערֶע וְוי בְּלַיי לִיגֶען דָא אִין הֶערְצֶען בַּיי מִיר .... בֶּעט בַּיי גָאט וָואס דוּ ווִילְסְט; נוּר בֶּעט קֵיין שְׁטְרָאף אוֹיף מִיר! אִיךְ הָאבּ מוֹרָא פַאר דַיינֶע טְהרֶערן .... דִיא גְמָרָא הֵייסְט אוּנְז זִיךְ הִיטֶען פוּן וַוייבֶּערְשֶׁע טְהרֶערן, אַלֶע טְהוֹיעֶרן פוּן הִימֶעל זֶענֶען פֶערְשְׁלָאסֶען, אָבֶּער דִיא טְהוֹיעֶרן פוּן טְהרֶערן זֶענֶען שְׁטֶאנְדִיג אָפֶּען.

– נֵיין, פֶּעטֶער! הָאט זִיא גֶעאֶנְטְווֶערְט, נִיט אַ שְׁטְרָאף חָלִילָה, בֶּעט אִיךְ בַּיי גָאט; נוּר עֶר זָאל אַייעֶרֶע אוֹיגֶען אֶפֶענֶען, אִיהר זָאלְט זֶעהן וָואס אִיהר טְהוּט! אִיהר זָאלְט זֶעהן, פֶּעטֶער, דָאס נוּר אוּמְזִיסְט זַייט אִיהר אוֹיף אַייעֶר טְהַייעֶרן פְלֶעמֶענִיק אַזוֹי אִין כַּעַס. אִיהר זָאלְט אוֹיךְ פֶערְשְׁטֶעהן, אַז אַלֶע אַנְדֶערֶע גְלִיקֶען וָואס אִיהר ווִינְשְׁט מִיר, וֶועלֶן מַיין אוּנְגְלִיק זַיין, וֶוען אִיהר וֶועט מִיךְ מִיט דֶעם צוּשֵׁיידֶען, וֶועמֶען אִיךְ לִיעבּ מִיט מַיין גַאנְצֶען לֶעבֶּען. אָ, פֶּעטֶער, פַאר וָואס ווִילְט אִיהר מַיין הֶערְץ, מַיין אוּנְשׁוּלְד נִיט ווִיסֶען?

– אִיךְ הָאבּ דִיר נִיט וָואס צוּ אֶנְטְוֶוערן, מַיין טְהַייעֶר קִינְד, מַיין קָאפּ טְרָאגְט נִיט אוֹיף הֲקִירוֹת, אִיךְ בִּין קֵיין יוֹדֵעַ מַחֲשָׁבוֹת נִיט; נוּר אֵיין עֵצָה הָאבּ אִיךְ, ווִילְסְטוּ מִיר צוּ לִיעבּ טְהוּן, ווִילְסְטוּ רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ אוּנ אוֹיף דַיין אַלְטֶען שְׁוַואכֶען פֶּעטֶער, פָאהר מִיט מִיר צוּ אוּנְזֶער רֶבִּין זָאל לֶעבֶּען! רֶעד זִיךְ אוֹיס פַאר אִיהם עֶרְצֶעהל אִיהם דוּ אַלְץ וָואס דוּ טְרַאכְסְט אוּנ וָואס דוּ ווֵייסְט, אִיךְ שְׁוֶוער דִיר, וָואס נִיט גְלַייךְ אוּנ נִיט אֶמֶת אִיז וֶועט עֶר דִיר נִיט זָאגֶען חָלִילָה! אַ אַנְדֶער מֶענְשׁ, זָאג אִיךְ דִיר, אַ גֶעהָאלְפֶענֶע וֶועסְטוּ אַהֵיים קוּמֶען... אִיךְ בֶּעט דִיךְ מַיין קִינְד, אַז מִיר קָאנֶען בֶּאֱמֶת קוּמֶען צוּם שֵׂכֶל דוּרְךְ אַ קְלֵיינֶער נְסִיעָה צוּ אִיהם, פַאר וָואס זָאלְסְטוּ עֶס נִיט וֶועלֶן?

– צוּם שֵׂכֶל קוּמֶען ... הָאט זִי אִיבֶּערְגֶעֶרעֶדְט, ווִי בֶּעדוֹיעֶרְנִסְווִירְדִיג זֶענֶען יֶענֶע וָואס פֶערְלִירֶן זֵייעֶר שֵׂכֶל אוּנ מֵיינֶען אַז דֶער רֶבִּי קָאן אִיהם זֵיי צוּרִיקְגֶעפִינֶען! נֵיין פֶּעטֶער, אִיךְ הָאבּ גָאךְ מַיין שֵׂכֶל גָאט צוּ דַאנְקֶען, נִיט פֶערְלָארְן, אִיךְ בְּרוֹיךְ צוּם רֶבִּין נִיט פָאהרן. אַז טָאג אִיז נַאכְט וֶועט עֶר מִיר נִיט אַיינְרֶעדֶען אוּנ אַ נַיי הֶערְץ אִין מִיר וֶועט עֶר מִיר נִיט בֶּעשַׁאפֶען! ...

– צוּ לִיעבּ מִיר, מַיין קִינְד, מִיר טְהוּ דֶעם חֶסֶד! הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ גְלוֹיבּ, אִיךְ ווֵייס וֶוער אוּנְזֶער רֶבִּי אִיז, דֶערְפַאר הָאף אִיךְ אוֹיף זַיין עֵצָה. מִיר, דַיין קְרַאנְקֶען פֶּעטֶער טְהוּ צוּ לִיעבּ, מַיין לִיעבּ קִינְד! דוּא ווֵייסְט נִיט מַיינֶע עִנּוּיֵי נֶפֶשׁ, מַיינֶע ווָאוּנְדֶען וָואס אִיךְ טְרָאג אִין הַארְצֶען בַּיי מִיר .. אִיךְ ווֵייס: נוּר דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען קָאן מִיר הֶעלְפֶען, טְהוּ מִיר צוּלִיעבּ, מַיין לִיעבּ טְהַייעֶר קִינְד! ...

עֶר הָאט צוּ ווֵיינֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען, רָחֵלֶע הָאט נוּר מִיט פֶערְדְרוּס אִיהם גֶעאֶנְטְווֶערְט:

– מֶענְשֶׁען מַאכֶען זִיךְ אַלֵיין עַגְמַת נֶפֶשׁ. וֶוער הָאט אַייךְ גֶעבֶּעטֶען מִיר טְרַייעֶר זַיין ווִי מַיין אֵייגֶענֶער פָאטֶער אִיז מִיר גֶעוֶועזֶן? וֶוער הָאט אַייךְ עֶרְלוֹיבְּט מִיר אַזַא גְלִיק אַרוֹיפְוַוארְפֶען וֶועלְכֶעס אִיךְ קָאן נִיט דֶערְטְרָאגֶען? רַחֲמָנוּת בֶּעט אִיהר, בַּיי מִיר וָואס אִיהר הָאט מִיר קְרַאנְק גֶעמַאכְט מִיט אַייעֶר טְרַייהֵייט. דֶערְנָאךְ בִּין אִיךְ נִיט אַזוֹי בְּלִינְד ווִי אִיהר, אוּנ זֶעלְבְּסְט אִין אַייעֶר שְׁלֶעכְטְס וָואס אִיהר הָאט מִיר גֶעטְהוּן זֶעה אִיךְ אַייעֶר טְרַייהֵייט וָואס אִיהר הָאט מִיר גֶעוָואלְט טְהוּן אוּנ אִיךְ בִּין

אײַך מוֹחֵל, אִיך בֶּעט נָאט פַאר אײַך עֶר זָאל אײַך אוֹיך מוֹחֵל זַיין. נֶעהמְט אײַך נוּר פָאר מִיך פְרַיי צוּ לָאזֶען, מִיך נִיט צְווינְגֶען צוּ אַזַא גְלִיק וָואס אִיז מַיין אוּנְגְלִיק אוּנ פַיינְט מִיך מֶעהר נִיט מִיט אײַיעֶרֶע טְרֶערֶען.

ר׳ שְׁלמה אִיז אַהֵיים אַוֶועק מִיט נָאר נִישְׁט; נוּר אוֹיף מָארְגֶען אִיז עֶר ווִידֶער גֶעקוּמֶען אוּנ טָאג אוּנ נַאכְט הָאט עֶר גֶעוויינְט פַאר אִיהר בִּיז זִי הָאט פוּן זַיין עָלֶענְד קֵיין אָרְט נִיט גֶעהַאט אוּנ הָאט אִיהם צוּגֶעזָאגְט מִיט אִיהם מִיטְצוּפָאהרֶען.

אִין עֶטְלִיכֶע טֶאג אַרוּם הָאט בֶּערֶעלֶע שְׁפַאק דֶעם פֶעטֶער מִיט זַיין פְּלֶעמֶענִיצֶע אַװֶעגְגֶעפִיהרְט קֵיין ווִינָאגְרָאדְקָא צוּם רֶבִּי׳ן.

גְרוֹיס כָּבוֹד הָאט מֶען אִיצְט ר׳ שְׁלמה׳ן אָפְּגֶעגֶעבֶּען אִין רֶבִּינ׳ס הוֹיף. ר׳ פִּנְחָס׳ל הָאט זִיך מִיט אִיהם אוּמְגֶעפִיהרְט ווִי מִיט אַ לִייבְּלִיכֶען מְחוּתָּן. דֶער רֶבִּי אַלֵיין הָאט אִיהם צוּם עֶרְשְׁטֶען שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם אָנְגֶערוּפֶען: „מְחוּתָּנִי״ אוּנ הָאט מִיט אִיהם פֶערְבְּרַאכְט מֶעהר ווִי אַ שָׁעָה אִין זַיין יְחִידוּת חֶדֶר.

ר׳ שְׁלמה הָאט אִיהם זַיין בִּיטֶער הַארְץ אוֹיסְדֶערְצֶעהלְט אוּנ גֶעפְרֶעגְט: וָואס טְהוּט מֶען מִיט דֶער יְתוֹמָה וֶועלְכֶע ווִיל בְּשׁוּם אוֹפֶן אִיהר חָתָן נִיט?

— זָאל אײַיעֶר כַּלָּה דָא זַיין עֶטְלִיכֶע טֶאג. הָאט דֶער רֶבִּי גֶעאֶנְטְפֶערְט, זָאל זִי יוּדֶען אוּנ יוּדִישְׁקֵייט זֶעהן וֶועט זִי וֶועלן אַ יוּדִישֶׁע פְרוּמֶע טָאכְטֶער זַיין! מַיינֶע קִינְדֶער זֶענֶען גוּטֶע, זֵיי וֶועלן זִי מְקָרֵב זַיין, זִי וֶועט צוּם שֵׂכֶל קוּמֶען... זָארְגְט נִיט!

אוּנ דֶעם רֶבִּינ׳ס קִינְדֶער הָאבֶּען זִי ווִירְקְלִיך מְקָרֵב גֶעוֶועזְן מִיט וָואס נוּר זֵיי הָאבֶּען גֶעקָאנְט. זֵיי הָאבֶּען פַאר אִיהר זֶעהר פִיעל גֶעלוֹיבְּט אִיהר מְחוּתָּן אוּנ אִיהר חָתָן. בֶּעוואוּנְדֶערְט אִיהר מַזָּל אָהן עַיִן הָרָע, אַז וֶוער עֶס זֶעהט זִי מוּז זִי לִיעבֶּען אוּנ אַכְטֶען אוּנ הָאבֶּען אִיהר גֶעשְׁוָוארְן, אַז זֵיי זֶענֶען צוּ אִיהר אַזוֹי צוּגֶעקְלֶעבְּט גֶעוָוארְן אוּנ פוּן אִיהר גְלִיק וֶועגֶען וֶועט זֵיי נִיט שְׁוֶוער זַיין צוּ טְהוּן וָואס נוּר זִיא וֶועט פֶערְלַאנְגֶען; נוּר רָחֵל׳ע הָאט גָאר נִישְׁט פֶערְלַאנְגְט. זִי הָאט נוּר אוֹיף זִיך אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוּנ זִיך גֶעהִיט מִיט אַ וָוארְט, ווִי זִי וָואלְט פוּן שְׁפִּיאָנֶען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט גֶעוֶועזְן. נִיטֶעלֶע דֶעם רֶבִּינ׳ס עֶלְטְסְטֶע טָאכְטֶער הָאט אַלֶעם אָנְגֶעוֶוענְדֶעט זִי אִיבֶּערְ־צוּרֶעדֶען זִי זָאל מִיט אִיהר גְלִיק צוּפְרִידֶען זַיין. זִי הָאט אִיהר גֶעווִיזֶען ווִי גְלִיקְלִיך אוּנ פֶערְגְנִינְט מֶען קָאן לֶעבֶּען חָאטְשׁ מֶען הָאט אַ חָסִיד אַ מַאן, אוּנ אֲפִילוּ אִין רֶבִּינ׳ס הוֹיף פִיהרֶען דִי פְרוֹיעֶן אַ לֶעבֶּען פְרַאנְק אוּנ פְרַיי ווִי דָאס הֶערְץ גֶעלוּסְט. זִי הָאט אִיהר עֶרְצֶעהלְט פוּן אִיהרֶע לוּסְט רַייזֶען אַלֶע יָאהר קֵיין אוֹיסְלַאנְד אִין דִי וַוארֶעמְבֶּאדֶער אוּנ דָאס פֶערְגְנִיגֶען וָואס זִי הָאט דָארְט. דִי אִיבְּרִיגֶע דַאמֶען הָאבֶּען אִיהר זַייעֶרֶע טְהַייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוּנ צִיערוּנְג בֶּעווִיזֶען, אַלֶע טָאג מִיט אִיהר אִין זַייעֶרֶע אֵיינֶענֶע קַארֶעטֶען שְׁפַּאצִירֶען גֶעפָאהרֶען אוּנ וואוּ נוּר זֵיי פְלֶעגֶען קוּמֶען הָאט מֶען זֵיי אוּמֶעטוּם עֶרְוַוארְטֶעט מִיט כָּבוֹד. רָחֵל׳ע הָאט פַאר אַלֶעם דֶעם בֶּעדַאנְקְט; אָבֶּער פוּן אִיהרֶע אֵיינֶענֶע אַנְגֶעלֶעגֶענְהֵייט נִיט גֶערֶעדְט. מִיט ר׳ שְׁלמה׳ן הָאט זִי נוּר זֶעלְטֶען בֶּעקוּמֶען צוּ רֶעדֶען, ר׳ פִּנְחָס׳ל הָאט גֶעזָארְגְט ר׳ שְׁלמה זָאל אַ מִינוּט נִיכְטֶער נִיט זַיין אוּנ זָאל גָאר קֵיין צַייט הָאבֶּען זִיך צוּ דֶערְמָאנֶען וָואס הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט אַהֶערְצוּ. אַזוֹי אִיז בְּמְעַט אַנַאנְצֶע וָואך אַרִיבֶּער. עֶס אִיז אוֹיך שַׁבָּת גֶעוֶועזְן אוּנ רָחֵל׳ע הָאט צוּגֶעזֶעהן דֶעם פַּארַאד פוּן אַ שַׁבָּת׳דִיגֶען טִישׁ אוּנ טָאג אִין רֶבִּינ׳ס הוֹיף; נוּר דָאס אַלֶעם הָאט

אוֹיף אִיהר גֶעווירְקְט אַזוֹי שְׁלֶעכְט, אַז זִי הָאט דִי מִינוּטֶען גֶעצֶעהלְט וֶוען זִי וֶועט שׁוֹין קָאנֶען צוּרִיק אַהֵיים פָאהרֶן; דַארִיבֶּער הָאט זִי זוּנְטִיג גֶעבֶּעטֶען גִיטֶעלֶען זִי זָאל זִי שׁוֹין אַרֵיינְפִיהרֶן צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען, זָאל שׁוֹין זַיין וָואס עֶס וֶועט זַיין.

– מִיט אַזַא צַדִיק, וִוי דֶער טַאטֶע זָאל לֶעבֶּען אִיז, הָאט גִיטֶעלֶע גֶעאֶנְטְוָוערְט, אִיז אַ גְרוֹיסֶע סַכָּנָה צוּ רֶעדֶען וֶוען דָאס הַארְץ אִיז נִיטָא דֶערְבַּיי. עֶר רֶעדְט וֶועניג, אָבֶּער עֶר וֵויים פִיעל... זַיין בְּרָכָה אִיז אַ בְּרָכָה וָואס וֶוערְט בַּאלְד מְקוּיָם; זַיין קְלָלָה אָבֶּער פַאר דִי וָואס זֶענֶען אִיהם דֶערְווידֶער–אִיז הֵייסֶער וִוי פַייעֶר. דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ נָאךְ מוֹרָא, דִיךְ צוּ צוּלָאזֶען, טָאמִיר אִיז נָאךְ דַיין הֶערְץ נִיט גֶענוּג צוּגֶעגְרֵייט אִיהם צוּ פָאלְגֶען אִין אַלְץ.

אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג הָאט זִי אִיהר פֶעטֶער ר׳ שְׁלמה׳ן גֶעזָאגְט: פֶעטֶער, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, פִיהְרְט מִיךְ צוּם רֶבִּי׳ן זָאל לֶעבֶּען אַרֵיין, לָאם אִיךְ שׁוֹין אוֹיסְהֶערֶן מַיין גְזַר דִין אוּנ פָאהרֶן אַהֵיים; אַז נִיט וֶועל אִיךְ צוּפוּס פוּן דַאנֶען עֶנְטְלוֹיפֶען.

– וָואס זָאל אִיךְ דִיר טְהוּן, מַיין לִיעבּ קִינְד? הָאט דֶער פֶעטֶער גֶעטְרֶאסְט, עֶס אִיז דִי שָׁעָה נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען, וָואס עֶר זָאל לֶעבֶּען זָאל וֶועלְן אוֹיסְהֶערֶן דַיינֶע טַעֲנוֹת. הַיינְט הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעבֶּעטֶען מִכֹּחַ דֶעם, הָאט עֶר מִיר קוּרְץ גֶעאֶנְטְוָוערְט: אִיךְ הָאבּ זִי נִיט פֶערְגֶעסֶען וְ׳ דוּ מָאגְסְט אִין זַיינֶע הֵיילִיגֶע רֵייד גְלוֹיבֶּען, מִסְתָמָא טְהוּט עֶר אִיצְט גֶענוּג פַאר דִיר, דוּ מוּזְט וַוארְטֶען!

זִיא הָאט נָאךְ אַטָאג לַאנְג וִוי אַ יָאהר אִיבֶּערְגֶעוַוארְט. דִינְסְטָאג פְרִיה הָאט גִיטֶעלֶע אִיהר דֶעם קָאפּ מִיט אַ טִיכֶעל אַרוּמְגֶעבּוּנְדֶען, עֶס זָאל זִיךְ חָלִילָה אֵיין אֵיינְצִיג הָאר נִיט אַרוֹיסְזֶעהן אוּנ אַרֵיינְגֶעפִיהְרְט זִי צוּם רֶבִּי׳ן. זַיין שֶׁאן גֶעשְׁטַאלְט אוּנ הֵיילִיגֶעס אוֹיסְזֶעהן, זַיינֶע וַוייסֶע הָאר פוּן זַיין לַאנְגֶער בָּארְד אוּנ פֵּאוֹת אוּנ דִיא וַוייסֶע אַטְלֶעסֶענֶע בְּגָדִים מִיט דֶער סָאבֶּעלְנֶער הִיטֶעל אוֹיף זַיין קָאפּ, דֶערְצוּ דִיא מֶענְגֶע אָפֶּענֶע אוּנ פֶערְמַאכְטֶע סְפָרִים – אִין פַארְמֶעט גֶעבּוּנְדֶען – הָאבֶּען אוֹיף אִיהר אַ אֵימָה גֶעוָוארְפֶען, זִי הָאט גֶעמֵיינְט: זִי גֶעפִינְט זִיךְ ווירְקְלִיךְ פַאר אַ גֶעטְלִיכֶען מֶענְשֶׁען אָדֶער אַ נָבִיא. פִיעל חֲסִידִים זֶענֶען דָא אוֹיךְ גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ הָאבֶּען מִיט אַ פִינְגֶער גִיט בֶּעוֶועגְט אוּנ דָאס הָאט דִי ווירְקוּנְג אוֹיף אִיהר נָאךְ שְׁטַארְקֶער גֶעמַאכְט.

– זָאל זִי צוּגֶעהֶען נֶאהֶענְטֶער, הָאט דֶער רֶבִּי גֶעזָאגְט אוֹיפְהֵייבֶּענְדִיג זַיינֶע גְרוֹיסֶע בְּרֶעמֶען אוֹיף אִיהר. זִי אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען, עֶרְשְׁרָאקֶען אוּנ בְּלַאס, וִוי אַ זִינְדֶער צוּם טִישׁ פוּן גֶערִיכְט. ר׳ שְׁלמה הָאט בֶּעמֶערְקְט, דָאס זִי אִיז עֶרְשְׁרָאקֶען.

– ווילְסְטוּ מַיין טָאכְטֶער, וֶועל אִיךְ פַאר דִיר רֶעדֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט.

– זָאל זִי אַלֵיין זָאגֶען וָואס זִי פֶערְלַאנְגְט הָאט דֶער רֶבִּי גֶעהֵייסֶען. זָאג מַיין טָאכְטֶער, וָואס אִיז דַיין בֶּעגֶעהר? הָאבּ קֵיין מוֹרָא, אִיךְ בִּין אַ יוּד וִוי אַלֶע יוּדֶען. נוּר אֶלְטֶער פוּן לַייטֶען, דֶערְפַאר וֵויים אִיךְ אֶפְשַׁר מֶעהר פוּן אֵיין אַנְדֶערְן. וָואס פֶערְלַאנְגְסְטוּ?

– אִיךְ פֶערְלַאנְג גָאר נִישְׁט, טְהַייעֶרֶער רֶבִּי, הָאט זִי אוֹיסְגֶערֶעדְט קְלָאר אוּנ דַייטְלִיךְ, זָאל מֶען נוּר פוּן מִיר נִיט פֶערְלַאנְגֶען וָואס אִיךְ קָאן נִיט אוּנ וֶועל נִיט קֶאנֶען וִוי לַאנְג אִיךְ וֶועל לֶעבֶּען! – רֶבִּי, נוּר אֵיין הֶערְץ הָאט גָאט דֶעם מֶענְשֶׁען גֶעגֶעבֶּען, נוּר אֵיין הֶערְץ הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט, דִיזֶעם הֶערְץ הָאבּ אִיךְ פְרוּם אוּנ מִיט

נאַטעס ווילען, אַוועג געגעבען מיין שוועסטער קינד, וועלכער איז אַ פרומער יוד האָט עס שטודירט. איך בעט אייך, רבי, זאָגט מיין מוטער אונ מיין פעטער, אַז איך בין אַ יתומה אונ מען טאָהר מיך ניט נויטהען חתונה האָבען מיט דעם וואָס איך וויל ניט!

– פאַר וואָס מיין טאָכטער, ווילסטו ניט? האָט דער רבי זעהר ווייך געפרעגט.

– ווייל איך ליעב מיט מיין גאַנצען הערצען מיין שוועסטערקינד; אויף איהם, רבי, וויל איך וואַרטען מיין גאַנצען לעבען.

– ווייל דו האָסט איהם ליעב!... האָט דער רבי איבערגעזאָגט פאַנאַנדער צוהענדיג יעדעס וואָרט, ווייל דו האָסט איהם ליעב!... נו? אונ דו שאַמסט דיך דאָס ניט צו זאָגען פאַר אַ עדה יודען? הערסטו וואָס דו רעדסט? אַי, אַי, מיין טאָכטער!...

רחל'ע האָט געשוויגען; נור דאָס גאַנצער בלוט האָט זיך אין איהר געזיכט אַריינגעגאָסען. דו שאַמסט דיך! האָט דער רבי מיט אַ שמייכעל ווייטער געזאָגט. גוט אַזוי! ווייל דו שאַמסט דיך איז אַ סימן אַז דו האָסט חרטה וואָס דיינע ליפען האָבען ערשט אַרויסגערעדט. אַז אַ יוד טהוט אַ עבירה אונ שאַמט זיך באַלד, איז מען איהם מוחל, איך בין דיר אויך מוחל מיין קינד; נור ווייטער זאָלסטו אַזאַ נאַרישקייט ניט זאָגען!

– גיין רבי, האָט זי מוטהיג געאַנטוואָרט, איך שאַם מיך ניט, איך האָב ניט מיט וואָס זיך צו שאַמען, איך ליעב דעם וואָס איז מיר ליעב, אונ איז וועררט געליעבט צו זיין! נאָט הייסט מיין הערץ איהם ליעבען... זאָל איך נאָט ניט פאָלגען? קאָן אַ מענש נאָט ניט פאָלגען?

– נאָט האָט קיינמאָל ניט געהייסען אַ יודען אַ עבירה טהון. האָט דער רבי מיט אַ קרעכץ אויסגערעדט, אַ ליגען זאָגסטו! זעהסטו, וויא אַ עבירה איז גוררת עבירה: צו ליעב דער עבירה פון דער אהבה האָסטו שוין נאָך אַ עבירה פון שקר!

– איז דען אמת'ע אונ פרומע ליעבע אַ עבירה? האָט זי דרייסט געפרעגט. האָב איך דען ניט געלערנט אין הייליגען חומש וויא יעקב אבינו האָט ליעב געהאַט זיין שוועסטערקינד רחל'ען? פאַר וואָס, רבי גוטער, זאָל מיר – אַ ענינקל פון יענער פרומער מוטער רחל – פאַר אַ עבירה זיין גערעכענט געליבט צו זיין פון מיין שוועסטערקינד אונ מיט דערזעלבער פרומע ליעבע איהם ליעב צו האָבען?

– אין הייליגען חומש, זאָגט זיא, האָט זי געלערנט... האָט דער רבי זעהר בעטאָנט איבערגעזאָגט צו דעם עולם זיך ווענדענדיג – אָט דאָס איז דער הסרון וואָס מען לערנט מיט אַ יודישער טאָכטער חומש!... זי מיינט, אונזער תורה דערצאָהלט נור מעשיות ווי אַ בחור האָט ליעב אַ בתולה. אַ ליגען אָבער זאָגט זי, נור אַפיקורסים, וואָס זוכען אַ התּיר, זייער זינדיגע תאוה דעם יצר הרע נאָכצוגעבען – זאָגען אַז אונזער תורה דערצאָהלט מעשׂות!... אונזער תורה וועט ניט דערצעהלען חלילה אַזאַ גנאי אויף יעקב אבינו, אַז ער האָט ליעב געהאַט רחל'ען לשם אהבה אונ לשם תאוה, רחמנא יצילנו. תורת ה' תמימה: אונזער תורה הקדושה איז אין גאַנצען תורה אונ ניט קיין פשוטע מעשיות! יעדער אות, יעדע נקודה האָט טויזענד סודות אונ רמזים. זאָל זיך צוהערן דאָס נאַרישׁ קינד אַ רמז פון דער תורה! ויאהב יעקב את רחל: האָט

דֶען יַעֲקֹב רָחֶלֶ'ען לִיעבּ גֶעהַאט ? חָלִילָה ! עֶר הָאט זִי נִיט לִיעבּ גֶעהַאט. וִוי קוּמְט יַעֲקֹב אָבִינוּ, דֶער בְּחִיר הָאָבוֹת לִיעבּ צוּ הָאבֶּען אַ בְּתוּלָה וָואס דָאס אִיז נָאר אַ זִינְד ! גוּר דָאס דֶערְצֶאהלְט דֶער פָּסוּק, וָואס פַאר אַ צַדִיק עֶר אִיז גֶעוֶועזֶן. יִצְחָק אָבִינוּ'ס אַ זוּהן, אַבְרָהָם אָבִינוּ'ס אַ עֶנִיקֶ'ל, אוּנ אַלֵיין אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעוֶועזֶן נָאר אַ וָואהלֶער חָתָן אוּנ הָאט גֶעקָאנְט טְהוּן אַ שִׁדוּךְ מִיט אַ בַּת מַלְכָּה ; אָבֶּער אַז עֶר הָאט דֶערְזֶעהן זַיין בֶּעשֶׁערְטֶע מִשָּׁמַיִם, אוּנ זִי אִיז אַ פְּרָאסְטֶע פַּאסְטוּךְ מֶאדֶעל אוּנ נָאךְ דֶערְצוּ לָבָן הָאֲרַמִּי'ס אַ טָאכְטֶער, אַזַא עוֹבֵד אֱלִילִים, אַזַא רַמַאי אוּנ טוּמְאָה'נִיק, הָאט אִיהם זֶעהר פֶערְדְרָאסֶען וָואס עֶר דַארְף טְהוּן אַזַא פְּרָאסְטֶען שִׁדוּךְ, וִוי דֶער פָּסוּק דֶערְצֶאהלְט: וַיִּשָּׂא אֶת קוֹלוֹ וַיֵּבְךְּ, פוּן עַגְמַת נֶפֶשׁ פָּשׁוּט הָאט עֶר גֶעוֵויינְט וָואס עֶר דַארְף וֶוערן לָבָן הָאֲרַמִּי'ס אַ אֵיידִים אוּנ חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט אַזַא וֶועלְכֶע אִיז נִיט נָאךְ זַיין עֶרֶךְ ; אָבֶּער עֶר אִיז גֶעוֶועזֶן יַעֲקֹב אָבִינוּ, אַ צַדִיק תָּמִים, אוּנ הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, אַז דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם טְהוּט אִיהם מִסְתָּמָא קֵיין אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט נִיט, אִיז עֶר עוֹמֵד בְּנִסָּיוֹן גֶעוֶועזֶן אוּנ הָאט נִיט גֶעשְׁרִיעֶן: „אִיךְ וִויל דִי כַּלָּה נִיט !“ נוּר וַיֶּאֱהַב יַעֲקֹב אֶת רָחֵל: עֶר הָאט זִיא מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה גֶעוֶועזֶן: עֶר הָאט זִי פַאר לִיעבּ אוּנ גוּט אָנְגֶענוּמֶען, אַ שְׁטֵייגֶער וִוי אֵיינֶער נֶעהמְט פַאר לִיעבּ אָן אֲפִילוּ דִי יִסוּרִים וָואס דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם שִׁיקְט אָן אוֹיף אִיהם. וִוידֶער לֶערְנְט אוּנְז דֶער פָּסוּק אַ דֶרֶךְ אֶרֶץ: וַיֶּאֱהַב יַעֲקֹב אֶת רָחֵל, שְׁטֶעהט: אוּנ יַעֲקֹב הָאט לִיעבּ גֶעהַאט רָחֶלֶ'ען, פַאר וָואס דֶערְצֶאהלְט נִיט דֶער פָּסוּק פַארְקֶעהרְט: וַיֶּאֱהַב רָחֵל אֶת יַעֲקֹב ? בְּוַדַאי הָאט רָחֵל בֶּעדַארְפְט לִיעבּ הָאבֶּען אַזַא צַדִיק תָּמִים וִויא יַעֲקֹב אָבִינוּ, נוּר דֶער פָּסוּק שְׁוַוייגְט מִכֹּחַ אִיהר אַהֲבָה צוּ אִיהם, מִכֹּחַ צוּ זַיין אַז עֶס אַ חֲצִיפוּת אוּנ אַ זִינְד אַז אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער זָאל אַזַא וָוארְט אַרוֹיסְלָאזֶען פוּן אִיהר מוֹיל, אַז זִי הָאט לִיעבּ... אוּנ דוּ נַארִישֶׁע בְּתוּלָה, פֶערְגֶעסְט אַז דוּ בִּיזְט אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אוּנ שֶׁאמְסְט דִיךְ גָאר נִיט צוּ זָאגֶען אַזַא וָוארְט וָואס אִיז אַ חֶרְפָּה אוּנ אַ בּוּשָׁה ? דַיין חָתָן וֶועלְכֶער אִיז דִיר מִשָּׁמַיִם בֶּעשֶׁערְט אִיז אַ גַאנְץ וָואהלֶער חָתָן, דַיין טַאטֶע זִכְרוֹנוֹ לִבְרָכָה אִיז גֶעוֶועזֶן אַ עֶהרְלִיכֶער יוּד אֲפִילוּ ; אָבֶּער נִיט אַזַא צַדִיק אוּנ אַזַא אַ קָצִין וִויא יִצְחָק אָבִינוּ ; דַיין מְחוּתָּן ר' הֶענִיךְ אִיז חָלִילָה נִיט אַזַא נְחוּת דַרְגָא, אַזַא שְׁווִינְדְלֶער וִוי לָבָן הָאֲרַמִּי. אַ גַאנְץ פַיינֶער יוּד, אַ גְבִיר אַ יוּד אִיז אָהן אַ עַיִן הָרָע דַיין מְחוּתָּן, גֶעפֶאלְט נָאךְ דִיר דֶער שִׁדוּךְ נִיט ? אַי, אַי מַיין טָאכְטֶער, וִוי דוּ זִינְדִיגְסְט נֶעגֶען דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם !.. אוּנ מִיט וָואס נֶעהמְסְטוּ דִיךְ אִיבֶּער ? מִיט דֶעם בִּיסֶעל חֵן וָואס דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען ? קִינְד אֵיינֶע, נִיט דַיין אִיז דֶער חֵן ! דֶעם חֵן הָאט דִיר דֶער בֶּעשֶׁאפֶער גֶעגֶעבֶּען דוּ זָאלְסְט גֶעפֶאלֶען דַיין אֱמֶת'ן בֶּעשֶׁערְטֶען וֶועלְכֶען עֶר גִיט דִיר, נִיט דֶעם וֶועלְכֶען דוּ בִּיזְט זִיךְ אַלֵיין בּוֹחֵר .... שֶׁקֶר הַחֵן, אַזַא חֵן וָואס אִיז שֶׁקֶר – וְהֶבֶל הַיּוֹפִי: אִיז דִי שֶׁאנְקֵייט אוֹיךְ נוּר הֶבֶל ! הַיינְט בִּיזְטוּ שֶׁאן אוּנ מָארְגֶען קֶאנְסְטוּ מִאוּס וֶוערן, אִשָּׁה יִרְאַת ה' הִיא תִתְהַלָּל, דִי אִשָּׁה וָואס הָאט פַאר גָאט מוֹרָא לוֹיבְּט אוּנ דַאנְקְט אִיהם פַאר אַלְץ אוּנ אִיז מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה אֲפִילוּ דֶעם חָתָן וָואס דָאס הַארְץ אִיהר'ס וִויל אִיהם נִיט. וִוי דִי תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה דֶערְצֶאהלְט: וַיֶּאֱהַב יַעֲקֹב אֶת רָחֵל, אוּנ יַעֲקֹב הָאט רָחֶלֶ'ען מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה גֶעוֶועזֶן, הָאטְשׁ זַיין הַארְץ הָאט פְרִיהֶער גְלוּסְט אַ גְרָאסֶערֶע יַחְסָנ'טֶע אַ כַּלָּה. פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ הָאטְשׁ וִוי זִינְדִיג דוּ בִּיזְט ?

רחלע האט שוין מעהר ניט געענטפערט, זי האט שוין געזעהן עס איז ניטא וועמען צו ענטפערן, נור איהרע טהרערן האבען זיך שטיל געגאסען, אונ זי איז אויף זיך אין כעס געוועזן, פאר וואס גיסען זיי זיך פון איהרע אויגען. ניט דעם רבי'ס אורטהייל האט איהר באנג געטהון, זי האט פון אנהייב אן וועניג געהאפט אויף זיין משפט; אבער זי איז אין כעס געוועזן אויף די מענגע צוהערער וועלכע זענען דא געוועזן אונ האבען זייערע התפלאות בעוויזען אין פערשידענע תנועות, פונקט ווי זיי וואלטען איצט געהערט משה רבינו'ן אזוי שאן דרשנ'ן פון בארג סיני אראב.

— נוט אזוי וואס דו ווייסט, האט דער רבי געזאגט, אז ער האט איהרע שטילע טהרערן בעמערקט, איך וועל נאט ברוך הוא בעטען ער זאל דיר דיין טעות מוחל זיין, מיין טאכטער, איצט מזל טוב דיר! זאגט איהר, יודען: מזל טוב!

— מזל טוב! מזל טוב! האבען צענדליגער קולות געשריען, דער טומעל איז גרויס געווארן, ר' שלמה האט זוכה געוועזן, דער רבי האט איהם זיין האנד געגעבען אונ מזל טוב געזאגט, ר' פנחס'ל האט זיך מיט איהם צוקושט. אויף ר' פנחס'לס א וואונק האט גיטעלע רחל'ען אונטער די האנדט ארויסגעפיהרט פון רבי'נס חדר. ביי דער טהיר האבען זי ערווארטעט דעם רבי'נס הויפדאמען, אונ רחלע איז שיר ניט דערשטיקט געווארן פון די טויזענדער קושעז אונ אומארמונג פון יעדער בעזונדער.

אין גרויסען זאל דעם רבי'נס האט מען אויף די טישען משקה אנגעשטעלט אונ ר' שלמה האט געטרונקען לחיים צו ר' פנחס'לען אונ ר' פנחס'ל האט געטרונקען לחיים צו ר' שלמה'ן, אונ אלע חסידים האבען לחיים געטרונקען דער זווג זאל עולה יפה זיין; נור רחלע האט איהרע טהרערן געשלונגען אונ זיך אכח אנגעטהון ניט ארויסצורעדען דאס וואס אין איהר הערצען האט געקאכט אונ געזידט, ר' פנחס'ל האט געבראטהען מען זאל תיכף קלאפען א דעפעשע צו חייע'לען אונ צו ר' העניך'ן, זאלן זיי קומען מיט דעם חתן אונ מען זאל טאקי דא די חתונה מיט מזל אבשפיעלען, אבער ר' שלמה האט דאס אזוי גיך ניט געקאנט רעשען אונ האט געבעטען ישוב הדעת ביז דער קאפ וועט איהם אביסעל קלארער ווערן, ווארום ער פיהלט זיך שכור'ליך היינט.

נור ר' פנחס'ל האט איהם זיך אויסניכטערן ניט געלאזן. וויל מען האבען נאר א קלארן קאפ, האט ער געזאגט, זאל מען נאך אונ נאך טרינקען, לחיים ר' שלמה'! אונ ר' שלמה האט ווייטער געטרונקען אונ האט זיין רחמנות, אין דעם ים שפירים דער־טרונקען, וועלכען ער האט אין זיך היינט אריינגעגאסען. רחל'ע האט קוים געפועל'ט מען זאל זי צום פעטער צולאזען אין דער מינוט וואס ער איז נאך ניכטער, ד. ה. פאר דעם דאוונען אין דער פריה.

— איצט מיין טאכטער, ווייסטו שוין ווער אונזער טהייערער רבי איז? האט ער געפרעגט ווי ער האט זי דערזעהן.

— יא, פעטער, איצט ווייס איך, האט זיא מיט א בעוועגטער שטימע געענטפערט, איצט ווייס איך ווער אייער רבי איז, ווער איהר זענט אונ ווער אונזער גאט אין הימעל איז.

ר' שלמה האט זיך דערפרעהט. זעהסטו מיין קינד, האט ער געזאגט, דו האסט קיין חרטה ניט! ער האט צוליעב דיר א שאנע תורה אונ א אמת געזאגט!

– פֶּעטֶער, נֶעמְט אַייךְ לֶעבֶּען אִין טָעוּת, הָאטְשׁ אִיךְ הָאבּ דִי תּוֹרָה װֶענִיגֶער פַאר אַייךְ גֶעלֶערְנְט פוּנְדֶעסְט װֶעגֶען זָאג אִיךְ אַייךְ: װֶען מֹשֶׁה רַבֵּינוּ אַלֵיין זָאל קוּמֶען אִיצְט אוּנ אַזוֹי פֶּערְטַייטְשֶׁען דֶעם פָּסוּק פוּן זַיין תּוֹרָה, װָאס עֶר הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען, אַזוֹי װִי אַייעֶר רֶבִּי פֶּערְטַייטְשְׁט אַייךְ, װָאלְט אִיךְ אִיהם זָאגֶען: מֹשֶׁה, גָאט אִיז אֱמֶת אוּנ זַיין תּוֹרָה אִיז אֱמֶת, נוּר נִיט אֱמֶת אִיז אַזַא עֶרְקְלֶערוּנְג פוּן דֶער אֱמֶת׳ר תּוֹרָה! גָאט, דוּ הָאסְט אוּנְז אַ אֱמֶתֶע, אַ הֵיילִיגֶע אוּנ אַ קְלוּגֶע תּוֹרָה גֶעגֶעבֶּען, נוּר פַאלְשֶׁע מֶענְשֶׁען בֶּענוּטְצֶען זִי, זֵייעֶר פַאלְשְׁקֵייט אוֹיסְצוּפִיהרֶן!... אִין דִיר גָאט, גְלוֹיבּ אִיךְ, נִיט אִין דִי פַאלְשֶׁע צַדִיקִים װָאס רוּפֶען זִיךְ אִין דַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען! אִיצְט פֶּעטֶער, מָאנְט אִיהר מִיךְ כִּינֶדעֶן, חָאטְשׁ אִין װַאסֶער אַרַיינְװַארְפֶען; אָבֶּער ר׳ הֶענִיךְ׳ס שְׁנוּר װֶעל אִיךְ נִיט זַיין!

װִיא אַ שִׁכּוֹר'ן אַז מֶען גִיסְט אָבּ מִיט קַאלְטֶען װַאסֶער הָאבֶּען דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע װֶערְטֶער ר׳ שְׁלֹמה'ן אוֹיסְגֶענִיכְטֶערְט. אַ קַאלְטֶער שְׁװֵייס הָאט אִיהם אוֹיף זַיין שְׁטֶערְן אַרוֹיסְגֶעשְׁלָאגֶען אוּנ עֶס הָאבֶּען אִיהם גֶעצִיטֶערְט הֶענְד אוּנ פִיס. „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל״! הָאט עֶר אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן, װֶעה צוּ דִי אוֹיהֶערְן װָאס הֶערְן אַזֶעלְכֶע דִבּוּרִים פוּן אַ יוּדִישׁ קִינְד!... אִין חֵרֶם בִּיזְטוּ! אַ קְלִיפָּה זִיטְצְט אִין דִיר דוּ הוּלְטַייקֶע!

– בֶּערוּהִיגְט אַייךְ פֶּעטֶער, הָאט זִי גֶעבֶּעטֶען, אִיהר הָאט מִיךְ דֶערְצוּ גֶעבְּרַאכְט אִיךְ זָאל דֶעם אֱמֶת אָפֶען זָאגֶען; נוּר בְּרֶענְגְט מִיךְ נִיט צוּ נָאךְ עֶרְגֶערֶע בִּזְיוֹנוֹת!.. פִיהרְט מִיךְ שׁוֹין אַהֵיים צוּרִיק, הָאט רַחֲמָנוּת, אוֹיף אַייעֶר כָּבוֹד. אִין מִיר פְּלַאצְט מַיין הֶערְץ פוּן עֶרְבִּיטֶערוּנְג. אִיךְ הָאבּ מוֹרָא, אַז אִיהר װֶעט מִיךְ נִיט הַיינְט אַהֵיים אָפְּפִיהרֶען װֶעלְן אַלֶע חֲסִידִים דָא הֶערְן פוּן מִיר װִי אִיךְ פֶּערְאַכְט אוּנ פֶּערְשֶׁעלְט אַייעֶר פַאלְשֶׁען רֶבִּין! אַהֵיים פִיהרְט מִיךְ, פֶּעטֶער, זָאל דָאס אַייעֶר אֵיינְצִיגֶער אוּנ לֶעצְטֶער חֶסֶד זַיין, װַייטֶער בִּין אִיךְ אַייךְ אַלְץ מוֹחֵל!

– זִי אִיז מִיר מוֹחֵל! הָאט עֶר מִיט אַ בִּיטֶערְן גֶעלֶעכְטֶער אִיבֶּערְגֶעזָאגְט. אֵייבִּיג װֶעל אִיךְ דִיר נִיט מוֹחֵל זַיין!... אוֹיס פֶּעטֶער בִּין אִיךְ דִיר מֵהַיּוֹם וְהָלְאָה... אוּנ בִּיז דוּ װֶעסְט נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט ר׳ הֶענִיךְ׳ס זוּהן, זָאל מִיר אָסוּר זַיין דִיךְ אִיבֶּער מַיין שְׁװֶעל אַרִיבֶּער צוּ לָאזֶען!

מִיט דִי װֶערְטֶער הָאט אַ װָארְף גֶעטְהוּן דִי טְהִיר אוּנ אִיז גְלַייךְ צוּ ר׳ פִּנְחָסְ׳לֶען אַװֶעק, אִיהם דֶערְצֶעהלְט װָאס עֶר הָאט גֶעהֶערְט אוּנ הָאט דִי הָאר אוֹיף זִיךְ גֶערִיסֶען. ר׳ פִּנְחָסְ׳ל הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען שְׁװַייגֶען: „הָאט קֵיין מוֹרָא, חֲתוּנָה װֶעט זַיין... הָאט עֶר גֶעזָאגְט, זֶעהט חָאטְשׁ, אַז מֶען טָאהר נִיט קוּקֶען אוּנ נִיט הֶערְן װָאס זִי רֶעדְט, נָאךְ דֶער חוּפָּה װֶעט זִי גָאר אַ אַנְדֶער נִגוּן זִינְגֶען. זַייט זִיךְ פוּן אִיהר נוּר נִיט מַרְחִיק. זָאגְט אִיהר: חֲתוּנָה מוּז זַיין, װָארוּם דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען זָאגְט: בֶּעסֶער פַארְמֶעט אֵיידֶער פַאפִּיעֶר צוּ רַייסֶען.. װֶעט זִי נִיט קָאנֶען לֶעבֶּען מִיט ר׳ הֶענִיךְ׳ס זוּהן, זָאגְט אִיהר װֶעט זִי זִיךְ מִיט אִיהם גֶט׳ן, דַאמָאלְס װֶעט זִי זַיין אִין אִיהר אֵייגֶענֶעם רְשׁוּת װֶעט קֵיינֶער נִיט דַארְפֶען דִין וְחֶשְׁבּוֹן אָבְּגֶעבֶּען פַאר אִיהרֶע מַעֲשִׂים. אִיצְט טָאהר מֶען זִי נִיט לָאזֶען קְרִיכֶען אִין דֶער טוּמְאָה װָאס צִיהט זִי צוּ זִיךְ...״ דָאס זֶעלְבֶּע הָאט אוֹיךְ דֶער רֶבִּי גֶעזָאגְט: „פַאהרְט אַהֵיים אוּנ לָאז זַיין חֲתוּנָה, בַּייסְט זִי אָפּ פוּן דֶער טוּמְאָה חָאטְשׁ אִיבֶּער גֶעװאַלְד!״

ר' שלמה האט בערעלען געהייסען שפאנען די פערד. רחלע האט פונדעסט וועגען בעדאנקט דעם רבינ'ס קינדער פאר זייער פריינדשאפט און איז מיט איהר פעטער אהיים געפאהרן.

## ו.

אין דער צייט וואס רחל'ע איז ביים רבי'ן געוועזען האט שימעלע אבגעשפילט זיין טאכטערס חתונה דא ביי חיי'לען אין זאאל. חייעלע איז געוואהנט געוועזען ביי איהר אין שטוב אויף פרעמדע חתונות א מחותנת'טע צו זיין; נור אויף קיין חתונה איז זי נאך אזא מחותנת'טע ניט געוועזען וויא אויף דער חתונה. זי האט זיך אויסגעפוטצט מיט די שאנסטע נייע קליידער און צירונג איהרע און האט בענוצט די געלעגענהייט א פראבע צו מאכען, ווי ארויסצוגעהן דעם ערשטען פרייטאג צונאכטס רבינ'ס טיש, ליכט בענשען, באלד נאך איהר חופה מיט ר' פנחס'לען, אין א גוטער שעה. זי האט א צייט אין שפיגעל געקוקט און בעוואונדערט איהר שאנקייט און יוגענד וואס ליגט נאך אויף איהר געזיכט, "נישקשה, איך וועל דארט ניט פערשאמט ווערן! האט זי פאר זיך געזאגט. ניטא דארט קיין שאנערע און פארנעהמערע פאר מיר!".. זי איז שוין פון שפיגעל געוועזען אוועג געגאנגען; נור איהר האט זיך געוואלט נאך א מאל א קוק טהון, זיך נאך בעסער איבערצוצייגען צו איז זי טאקי ווירקליך אזוי יונג ווי זי האט זיך נור וואס געזעהן און איז צו נאך א מאל. צוגעלענט איהר געזיכט נאהענט צום גלאז, און ווי האט זי זיך דערשראקען, אז זי האט געזעהן די ווינקלען אויגען קליינע קנייטשען בעמערקט. זי האט זיי געפרובט אויסגלייכען, געריבען מיט דער האנד, אבער איידער זי איז נאך פונ'ם שפיגעל אוועק האבען זיי זיך צוריק איינגעפאלבט און האבען זיך איצט נאך מעהר ארויסגעזעהן ווי פריהער. זי איז אין כעס און אונמוטהיג געווארן.

„דאס האב איך פון מיין טרייער טאכטער! האט זי פאר זיך איבערגערעדט. נור אין די לעצטע עטליכע וואכען האב איך זיי בעקומען. אט וועל איך איהר א טרייע מוטער זיין, יונגערהייט איבער איהר פון דער וועלט אוועק געהן?... אבער גאר גיין, מיין קינד! איך ווייס גאר ניט צו געפינט זיך ערגעץ אין דער תורה אז א מאמע איז מחויב צו ליעב טהון א קינד און זיך לאזען א לעבעדיגע בעגראבען? אזוי לאנג קרענקט ער דארט דער משוגע, דער מופקר מ'שה'לע, ווי לאנג איך וועל איהר ניט נאכגעבען, און ווער עס וועט אויף מיר ברוגז ווערן אין רבינ'ס הויף זאל מיר אויפנוארפען, מיין געשטודירטע אידים.... וועט זי קומען און פאלגען דעם רבינ'ס עצה איז מה טוב, חלילה ניט – וועל איך מיר טהון דאס מייניגע: די גארדאראבע איהרע מאכען אויף דעם פיינסטען אופן, עס וועט קומען די צייט, וועל איך בעטען אויף החתונה. ער דארף איהר נור דאס פינגערל אנטהון, ווייטער וועט שוין זיין ניט מיין דאגה... אזוי האט זי איהר הערץ אויסגערעדט פאר דער צווייטער חייע'לען וועלכע האט אויף איהר געקוקט פון שפיגעל ארוים ווי זי אויף איהר אריין. אז זי איז אין זאאל אריין האבען זי די מחותנים פון ביידע צדדים בעגעגענט מיט כבוד און מיט

ברכות אונ איהר מרת שחורה איז פערשוואונדען געוואָרן. די כלי־זמר האָבען פון איהר כבוד אויפגעשפּילט. זי האָט זיך געלאָזט גוט ערקענען מיט איהר דרשה געשאַנק דער כלה אונ איהר משמח זיין די מחותנים אונ האָט ברכות בעקומען מעהר וויפיעל זי האָט זיך געוואונשען.

אויף מאָרגען נאָך דער חתונה איז רחלע אַנגעקומען צוריק פון רבין. ר' שלמה איז גלייך צו זיך אַריין אונ רחלע איז צוגעפאָהרען אַליין. זי האָט דער מוטער רוהיג איבערגעבען די פריידליכע נייעס פון רבינ'ס געזונד אונ מיט איין וואָרט ניט געגעבען צו פערשטעהן איהר אונצופרידענהייט פון דער נסיעה. פון וועג אונ פון אינערליכע בעוועגונג, האָט איהר געזיכט געברענט אונ איהרע אימער ליכטיגע אויגען זענען איצט נאָך ליכטיגער אונ שטראַהלענדער געוועזן. חייעלע האָט זי קיינמאָל אַזוי הערליך ניט געזעהן ווי אין דער רגע אונ זי האָט געגלויבט דאָס שיינט זי אַזוי פון גליק אונד צופרידענהייט אין רבינ'ס הויף.

— ועהסטו מיין קינד, האָט זי צאַרטליך אויסגערעדט, נאָר אַ אַנדערע ביזטו געקומען אונ דו שיינסט אָהן עין הרע. דו דאַרפסט מיר גאָר ניט ערצעהלען, מיט מיר איז אויך אַזוי געוועזן, מיט אַזאַ דעה ווי דו בין איך אויך אַהין געפאָהרען, אָפּיל אויפ'ן זינען איז מיר ניט אַרויפגעקומען דער שדוך מיט ר' פנחס'לען נור אַז איך בין שוין דאָרט געוועזן, ווייס איך ניט וואָס מיט מיר איז געשעהן, איך בין ווי פון שלאָף אויפגעשטאַנען אונ אין איין רגע אַ אַנדערע געוואָרן. אַזוי זעה איך דיך אויך, מיין ליעב קינד, דער רבי זאָל לעבען האָט דיין הערץ אין דיר געלייטערט אונ דיינע אויגען זעהן איצט ווי פאַרנאַרט דו ביזט ביז איצט געוועזן. נור וואָס געוועזן בין איך דיר מוחל, גאָט זאָל מיר שוין טראַכטען פאַר מיין צער!..

— יאָ מוטער, האָט זי געאַנטוואָרט, אַ אַנדערע בין איך ווירקליך געוועזן, אַז איך בין אַהין געפאָהרען, עס איז ווערטה צו זעהן אונ צו הערן וואָס איך האָב דאָרט געזעהן אונ געהערט ... אָבער ווי מיד בין איך איצט, מוטער!... ווי ווילט זיך מיר שלאָפען, אויסרוהען זיך ביי מיר אין מיין צימער... אויף מיין בעט!... ענטשולדיגע, איך האַלט מיך קוים אויף מיינע פיס...דער פעטער וועט דאָ מסתמא באַלד זיין אונ געוויס דיר אַלעס ערצעהלען...

חייעלע האָט רחמנות געפיהלט אונ געהייסען איהר קינד זיך אויסרוהען פריהער, זי וועט נאָך צייט האָבען נחת פון איהר צו הערן מאָרגען. דעננאָך איז איהר צולאַנג געוועזן האָט'ש ר' שלמהן צו ערוואַרטען ביז ער וועט אַהער קומען אונ איז באַלד צו ז'יהם אַוועק. רחלע האָט איהרע ברידערלעך אונ שוועסטערל גוט אָנגעקושט אונ איז באַלד צו זיך אין צימער אַריין. פייגע האָט די קינדער פאַר די האַנדטלעך אַרויסגעפיהרט אונ זיי אָנגעזאָגט זייא זאָללן ניט שרייען. חייעלע איז צוריק געקומען פון ר' שלמה'ן מיט זעהר אַ בעזאָרגטען פנים. זי וואָלט רחלען איצט גוט מכבד געוועזן, ווי זי פערדינט פאַר אַזאַ העזה דעם רבין זאָל לעבען אַליין אַזוי דערווידער צו זיין, נור ר' שלמהן האָט איהר אין ר' פנחס'לס נאָמען אָנגעזאָגט: למען השם, נור מיט גוטען מיט איהר אומצוגעהן אונ נור פריינדשאַפט אונ טרייהייט איהר ווייזען אונ חייעלע האָט איהר כעס פערשטיקט אונ איהר זינדיגע טאָכטער געלאָזט רוהיג שלאָפען. אַז רחלע

איז אויפגעשטאַנען איז זי די ערשטע זאַך אין סאָד אַריין אונ ווי איז זי נידערגעשלאָגען שטעהן געבליבען, אַז זי האָט דאָ אַ תּהאָם געפונען פון אָנגעוואָרפענע בית המדרש טישען אונ בית המדרש באַנק! די שאָנסטע אָרטער פון סאָד אויסגעטרעטען אונ פערוויסט, דיא בלומען אָבגעריסען אונ פערוועלקט. – די חסידים וואָס האָבען אויף שימעלעס חתונה געטאַנצט האָבען אויך דעם סאָד אויסען געלאָזען, אונ דיא סאַרווער האָבען די באַנק אונ טישען אין סאָד אַריינגעהאָפּען. אונשולדיגע, ליעבע בלימעלעך! האָט זי פאַר זיך געזאָגט. נור אויף עטליכע טאָג האָב איך מיין וואַכענד אויג צוגענומען פון אייך אונ ווי האָב איך אייך איצט געפונען! מענשען האָנגע געפיהל, האָבען אייך מיט די פיס צוטרעטען. אייך אייער קורצע בליהענדע צייט נאָך קורצער געמאַכט?... נור טהוען זיי מיט זייערע בליהענדע קינדער בעסער? דוא גאָט, ביזט דאָך דער גוטער גאָרטנער פון דיין וועלט, פאַר וואָס לאָזט דו דיין גאָרטען אַזוי אָפען אונ פריי? וואָס שוויינט איהר, שטומע צוטרעטענע בלימעלעך מיינע? פאַר וואָס בעט איהר ניט אַ שטראָף פאַר די מוטהווילינע מאָרדער אייערע, פון גאָט דעם גוטען וואָס דאַרף אַזאַ אונרעכט ניט צו זעהן אין זיין ליעבער נאַטור? ניין, איך פערשטעה, נור די שפּראַכע אייערע ניט? מיינע אויהערן נור הערען ניט אייער קלאָג געשריי איצט אויף דאָס אונרעכט וואָס איז אייך געשעהן!... אויך אויף מיין האַלז פיהל איך איצט די שווערע פוס וואָס וויל מיך צוטרעטען. גאָט, ענטווער אונז, ניט לאָז מעהר אונגערעכטיגקייט אונז געשעהן!

זי האָט עטליכע צוטרעטענע רויזען אויפגעהויבען, אונ געהויבט אויף זיי וויא זי וואָלט געוואָלט אַ נייע לעבען אין זיי איינהויכען.

„ווער קאָן מיר זאָגען אויב אין אַ בעסערן צושטאַנד וועט מיין משהלע מיך געפינען ווען ער וועט צוריק קומען פון דאָרט וואו ער איז איצט? האָט זי זיך געפרעגט. בליהט דען דער מענש ניט אין זיין יוגענד ווי אַ בלום? מיט וויפיעל איך בין שטאַרקער געבויט פאַר דיזע צאַרטע גראָזעלעך מיט אַזוי פיעל שטאַרקער איז די פוס וואָס טרעט אויף מיר... אַך. ניט פון שטאָל אונ אייזען איז מיין הערץ אין מיר. איך פיהל וויא עס פוילט, ווי עס ווערט אויפגעצעהרט אונ דורכגעגעסן פון פערדרוס, פון רחמנות אונ עלענד אונ איך היב אָן וועלקען פאַר דער צייט!... ווי בעט איך דיך גאָט, ווען מיר איז ווירקליך בעשערט אַזוי יונג פערוועלקט צו ווערן, זאָל מיך מיין משהלע האָטש אַ וועלקענדע, אָבער ניט אַ פערוועלקטע געפינען. איך זאָל איהם האָטש נאָך איינמאָל קאָנען זאָגען, אַז צו ליעב איהם האָב איך געלעבט אונ אַז מען האָט מיך איבערגעוואַלד פון איהם אָבגעריסען איז מיר דער טוידט מעהר ניחא אַלס אַ לעבען אָהן איהם!“ — אין אַזעלכע געדאַנקען האָט זי ניט בעמערקט ווי די מוטער איז צו איהר צוגעקומען. הייעלע איז אויך ערשטוינט געוואָרן, אַז זי האָט דאָ דעם תּהאָם דערזעהן. וואָס זאָגט מען צו זייער קאָפּ, האָט זי מיט כּעס געזאָגט. אָט די טובה האָט מען שטענדיג אַז מען לאָזט אַריין חזירים אין גאָרטען! זיי האָבען דאָך תּל געמאַכט פון גאַנצען סאָד. די שטוב איז זיי ווייניג געוועזן די קבצנים האָבען זיי מיר נאָך דעם סאָד אויך חרוב געמאַכט. אַ חורבן אויף זייער קאָפּ, האָסטו געזעהן אַ ביסעל וואָס פּאַניצעס קאָנען!

— מוטער, פאַר וואָס זאָגסטו פּאַניצעס? האָט רחלע זיך אָבגערופען, זענען זיי

גִיט דֶעם רֶבִּינְ'ס הֵייסֶע חֲסִידִים ? מָאג דֶען אַ חָסִיד נִיט. טְרִינְקֶען בִּיז מְשׁוּגָע װֶוערֶן אוּנ דֶעם אַנְדֶערְן שָׁאדֶען טְהוּן פוּן גָאטְס װֶועגֶען ?...

— עֶס אִיז טַאקִי אַ שָׁאד אוּנ אַ עַוְלָה אוֹיךְ, מַיין קִינְד, הָאט דִי מוּטֶער גֶעטְרֶאסְט נוּר קֵיין גְרֶאסֶערְן שָׁאדֶען זָאלְסְטוּ צַייט דַיין לֶעבֶּען נִיט הָאבֶּען. אִיךְ פֶערְהָאף צוּ גָאט, דוּ װֶועסְט בַּיי דַיין בֶּעשֶׁערְטֶען שְׁאנֶערֶע אוּנ גְרֶאסֶערֶע סָאדֶען אוּנ גָארְטֶנֶער הָאבֶּען נָאר אִין נִיבֶען, אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם. עֶס אִיז אִיצְט טַאקִי דָא אֵיינֶער װָאס װִיל אָבְּקוֹיפֶען דָאס הוֹיז מִיט דֶעם זַאוָואד, זָאל עֶר נוּר גֶעבֶּען דֶעם מֶקַח װָאס אִיךְ פֶערְלַאנְג װֶעל אִיךְ אִיהם פֶערְקוֹיפֶען. װָאס זָאגְסְטוּ מַיין טָאכְטֶער ?

— װָאס זָאג אִיךְ, פְרֶעגְסְטוּ ? אָ, װֶוען נוּר אַן מַיין זָאגֶען זָאל זִיךְ װֶוענְדֶען, לִיעבֶּע מוּטֶער, — װָאלְט אִיךְ זָאגֶען אַז פַאר קֵיין גֶעלְד אִין דֶער װֶועלְט זָאלְסְטוּ עֶס נִיט פֶערְקוֹיפֶען! נִיט נוּר לִיעבּ אִיז מִיר דָאס הוֹיז וואוּ אִיךְ בִּין גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶן; אָבֶּער אַיךְ הֵיילִיג אִיז מִיר דֶער אָרְט וואוּ מַיין גֶעעֶהרְטֶער זֵיידֶע הָאט אַזוֹי מִיט עֶהְרֶע זַיינֶע יָאהרֶען אוֹיסְגֶעלֶעבְּט אוּנ וואוּ מַיין לִיעבֶּער פָאטֶער הָאט אִין פְרִיעדֶען גֶעלֶעבְּט, חָאטְשׁ אִיהם אִיז נִיט בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועזֶען דָא זַיין לֶעצְטֶען טָאג צוּ פֶערְלֶעבֶּען.... נוּר אִיךְ זָאג דִיר קֵיין דֵעָה נִיט, דוּ מָאנְסְט אַלֶעם פֶערְקוֹיפֶען, טְהוּ װָאס דִיר גֶעפֶאלְט. אִיךְ װֶעל מִיט אַלְץ צוּפְרִידֶען זַיין. דָאס הוֹיז װֶועט אַ הוֹיז בְּלַייבֶּען װֶוער נוּר אִין אִיהם װֶועט װָאהנֶען, דֶער סָאד װֶועט אַ סָאד זַיין אוּנ דִי בְּלוּמֶען װֶועלֶן װִידֶער בְּלִיהֶען נָאר נִיט בֶּעקִימֶערְט װֶוער עֶס װֶועט זִיךְ פֶערְגְנִינֶען מִיט זֵיי ... פֶערְקוֹיף לִיעבֶּע מוּטֶער, אַלְץ װָאס דוּ װִילְסְט... נוּר אֵיינְס פֶערְקוֹיף נִיט!.. פֶערְקוֹיף מִיךְ, דַיין קִינְד נִיט!.... אַלֶעם קָאן אַ מֶענְשׁ פֶערְקוֹיפֶען, מוּטֶער, אָבֶּער נִיט זַיין הֶערְץ! קָאנְסְטוּ מַיין הֶערְץ פוּן מִיר אַרוֹיסְרַייסֶען ? קָאנְסְטוּ אוֹיסְלֶעשֶׁען דָאס פַייעֶר װָאס גָאט אַלֵיין הָאט אִין דֶעם הֶערְצֶען אָנְגֶעצוּנְדֶען ? נֵיין! דָאס קָאנְסְטוּ נִיט, מוּטֶער, דָאס קָאן אִיךְ אוֹיךְ נִיט, זֶעלְבְּסְט װֶוען אִיךְ זָאל עֶס אוֹיךְ װֶועלֶן, בִּפְרַט אַז אִיךְ װִיל עֶס נִיט, אַז אִיךְ בִּין אַזוֹי גְלִיקְלִיךְ װִי אִיךְ בִּין! אָ, לָאז מִיךְ גְלִיקְלִיךְ זַיין מִיט דֶער הָאפְנוּנְג נוּר מֹשֶׁה'לֶעס צוּ זַיין! צֶערַייס דִיא תְּנָאִים װָאס אִיהר הָאט פַאר מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען, זָאג דָאס אֵיינְצִיג װָארְט, אַז נוּר מֹשֶׁה'לֶע אִיז דִי אֵיינְצִיגֶע לִיעבֶּע יְרוּשָׁה מַיינֶע, װָאס אִיז מִיר פוּן מַיין לִיעבֶּען זֶעלִיגֶען פָאטֶער גֶעבְּלִיבֶּען...מֶעהר בֶּעט אִיךְ נִיט, מֶעהר פֶערְלַאנְג אִיךְ נִיט, אוּנ אֵייבִּיג אֵייבִּיג װֶועט דַיין קִינְד דַיינֶע פִּיס קוּשֶׁען אוּנ דַאנְקֶען דִיר!....

הַייעֶ'לֶע הָאט זִיא אָנְגֶעקוּקְט װִיא אַ צוּמִישְׁטֶע, אִין אִיהרֶעם הֶערְצֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ אוֹיפְצוּװֶועקֶען גֶעפִיהלֶע פוּן רַחֲמָנוּת, אָבֶּער אֶנְטְװֶוערֶן אִין דֶער הֵייסֶער רֶגַע הָאט זִי נִיט גֶעקָאנְט, רָחֶלֶע הָאט זִיךְ אוֹיף דִי קְנִיא אַרָאפְּגֶעלָאזֶען, אַרוּמְגֶענוּמֶען דֶער מוּטֶערְס פִּיס אוּנ גֶעקוּשְׁט. הָאבּ רַחֲמָנוּת, מוּטֶער! הָאט זִי נָאךְ רִיהְרֶענְדֶער װִי פְרִיהֶער גֶעבֶּעטֶען, דָא צְװִישֶׁען דִי בּוֹימֶער װָאס זֵיי הָאבֶּען גֶעפְלַאנְצְט שְׁפַּאצִירֶן אֶפְשַׁר דִי אוֹיסְגֶעלַייטֶערְטֶע נְשָׁמוֹת פוּן מַיין זֵיידֶען אוּנ פוּן מַיין פָאטֶער אוּנ הֶערֶן גֶעוִויס מַיין בֶּעטֶען דִיךְ. מוּטֶער, טְהוּ צוּ לִיעבּ דַיין גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם מַאן, דֶעם װֶוער עֶס װֶועט אֵייבִּיג מַיין לִיעבֶּער פָאטֶער בְּלַייבֶּען... דָאס װָאס אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אִיז זַיין הֵיילִיגֶער װִילֶען גֶעוֶועזֶען בִּיז דִי לֶעצְטֶע רֶגַע פוּן זַיין לֶעבֶּען. אָ מוּטֶער, פִיעל הָאט עֶר דִיךְ אִין זַיין

צֵיאָה גֶעבֶּעטֶען, טְהוּ חָאטְשׁ דָאס אַלֵיין נָאךְ זַיין טוֹידְט פַאר אַזוֹי פִיל מְרִירוּת, ווִי לַאנְג עֶר אִיז דַיין מַאן גֶעוֶועזֶן! ...

חַייֶעלֶען אִיז אַ קֶעלְט אַרִיבֶּער אִיבֶּערְ'ן גַאנְצֶען קָארְפֶּער. זִי הָאט דִי אוֹיגֶען אַרָאפְּגֶעלָאזֶען אוּנ טְרֶערְן זֶענֶען גֶעפַאלֶען אִיבֶּער אִיהר קִינְד וָואס אִיז בַּיי אִיהרֶע פִּיס אִיצְט גֶעלֶעגֶען. שְׁווַייג נִיט, מוּטֶער! הָאט רָחֶלֶ'ע מִיט אַ עֶרְשִׁיטֶערְנְדֶע שְׁטִימֶע ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען, רֶעד אַרוֹיס דָאס וָוארְט אַז דוּ טְהוּסְט דֶעם לִיעבֶּען פָאטֶער מַיינֶעם צוּ לִיעב, זָאל עֶר פַאר דִיר גָאט בֶּעטֶען דוּ זָאלְסְט לֶעבֶּען אוּנ גְלִיקְלִיךְ זַיין! ... פָאטֶער! הָאט זִי פְלוּצְלוּנְג ווִי פוּן פֶערְצְווַייפְלוּנְג אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן וֶוענְדֶענְדִיג אִיהרֶע אוֹיגֶען צוּ דִי בּוֹימֶער דָא נֶעבֶּען אִיהר. בִּיזְטוּ דָא, וָואס שְׁווַייגְסְטוּ אוּנ הֶעלְפְסְט נִיט דַיין קִינְד דָאס הֶערְץ אָפֶּענֶען ווֶעלְכֶע דִי אֵייגֶענֶע מוּטֶער הָאט פַאר אִיהם פֶערְשְׁלָאסֶען? הֶעלְף מִיר פָאטֶער, הֶעלְף מַיין מוּטֶער אִיהרֶע אוֹיגֶען אֶפֶענֶען, דִי אוֹיגֶען וָואס נוּר שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זֵיי בְּלִינְד גֶעמַאכְט דֶעם אֱמֶת נִיט צוּ זֶעהְן ....

בַּיי דִי רֵייד הָאט זִי מִיט אַ קְרַאמְפְּף צוּגֶעדְרִיקְט אִיהר קָאפּ צוּ דֶער מוּטֶערְס קְנִיא אוּנ אִיז פוּן עֶרְשִׁיטֶערוּנְג שְׁוַואךְ אוּנ אָהְן לָשׁוֹן גֶעבְּלִיבֶּען.

חַייֶעלֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צִיטֶערְן מִיט אַלֶע גְלִידֶער. זִי הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַ קוּק צוּ טְהוּן אִין דֶעם ווִינְקֶעל וואוּ רָחֶלֶ'ע הָאט צוּם גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם פָאטֶער גֶערוּפֶען, זִי הָאט הִינְטֶער זִיךְ טְרִיט דֶערְהֶערְט אוּנ הָאט גֶעמֵיינְט דָאס גֶעהְט אִיהר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער מַאן. בַּאלְד וֶועט זִי אִיהם זֶעהְן, אִיהם, נֶעגֶען ווֶעלְכֶען זִי אִיז אַזוֹי זִינְדִיג ... אָבֶּער פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִי דֶערְהֶערְט אַ קוֹל: „גוּט מָארְגֶען אַייךְ חַייֶעלֶע, גוּט מָארְגֶען, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם דִיר רָחֶלֶ'ע! וָואס מַאכְסְטוּ, מַיין תַּלְמִידְקֶע? מִיר קוּמְט דָאךְ מַזָל טוֹב, רָחֶלֶ'ע!" פוּן צוּשְׁרָאקֶענְקַייט הָאט זִי נִיט דֶערְקֶענְט דִי שְׁטִימֶע אוּנ הָאט נָאךְ אַלְץ גֶעצִיטֶערְט, בִּיז זִי הָאט אִיהרֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנ שִׁימֶעלֶען דֶערְזֶעהְן. „דִי נְשָׁמָה הָאט אִיהר מִיר אַרוֹיסְגֶענוּמֶען, הָאט זִי גֶעזָאגְט אוּנ אַ שְׂפַּיי גֶעטְהוּן, ווִי גֶעהְט עֶס אַ מֶענְשׁ אוּנְטֶער אַזוֹי אוּנְגֶערִיכְט?!

— אִין שְׁטוּב אִיז קֵיינֶער נִיטָא, הָאט עֶר זִיךְ פֶערְאֶנְטְווֶערְט, הָאטְשׁ צוּטְרָאג בַּכֹּל שֶׁל הַכֹּל, אָט בִּין אִיךְ אַהֶער גֶעקוּמֶען, אַייךְ נָאךְ אַ מָאל דַאנְקֶען וָואס אִיהר הָאט מַיין שִׂמְחָה בֶּעשָׁאנְט, אוּנ זָאגֶען רָחֶלֶ'ען, אַז הָאטְשׁ זִי אִיז אוֹיף מַיין שִׂמְחָה נִיט גֶעוֶועזֶן, ווֶעל אִיךְ פוּנְדֶעסְטְווֶעגֶען טַאנְצֶען אוֹיף אִיהר חֲתוּנָה אי״ה, נָאר אוֹיף אַ אַנְדֶער אוֹפֶן

— וָואס זָאגְט מֶען דֶערְצוּ, הָאט חַייֶעלֶע מִיט אִימְפֶּעט אוֹיסְגֶערֶעדְט אוּנ זִיךְ אַרִיסְגֶעטְהוּן פוּן אִיהר קִינְד, אִיךְ הָאבּ דִי שְׁלִיסֶעלֶעךְ אִין קַאמָאד גֶעלָאזֶען. זַיי דָא מַיין טָאכְטֶער, אִיךְ גֶעה נוּר אַ קוּק טְהוּן צוּ אִיז נִיט חָלִילָה אַ הֶזֵּיק גֶעוֶועזֶן, אוּנ מִיט דִי ווֶערְטֶער אִיז זִי פוּן סָאד אַרוֹיס. — אָנְגֶעטְהוּן אִין זַיינֶע בִּגְדֵי מַלְכוּת ווִי אַ מְחוּתָּן אִיז עֶר דָא מִיט רָחֶלֶ'ען אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען. אִין הַאנְד הָאט עֶר גֶעהַאלְטֶען אִין זַיין רוֹיטֶער טַאשֶׁענְטוּךְ אַיינְגֶעבוּנְדֶען אַ גְרוֹיסֶע שְׁטִיק לֶעקֶעךְ.

— שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם דִיר רָחֶלֶע, נָאךְ אַ מָאל! הָאט עֶר גֶעזָאגְט, צוּגֶעהֶענְדִיג נָאהֶעטֶער צוּ אִיהר? ווֶען בִּיזְטוּ לְשָׁלוֹם אַהֵיים גֶעקוּמֶען? וָואס מַאכְט אוּנְזֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען? אַ יָא, אַ שֶׁאנֶער יוּד אִיז אוּנְזֶער רֶבִּי? אָט דָאס הֵייסְט אַ יוּד, מִיט'ן פוּלֶען מוֹיל אַ יוּד. נִיט אֱמֶת, רָחֶלֶ'ע, דוּא פֶערְשְׁטֶעהְסְט דָאךְ אַ אִינְטֶערֶעס חָאטְשׁ דוּא בִּיזְט

אַ בְּתוּלָה! עֶר הָאט דִיךְ מַסְתָּמָא גֶעבֶּענְשְׁט דוּ זָאלְסְט זַיין לְאַלְפֵי רְבָבָה, דָאס אִיז טַייטְשׁ: צוּ טויזֶענְדֶער אוּנ צוּ צֶעהְנְטויזֶענְדֶער. זָאלְסְט הָאבֶּען גֶעלְד אַ סַךְ! אַ סַךְ, וְויא שְׁטֶערְן אִין הִימֶעל וְוי זַאמְד אַם מֶער, אֲבָנִים טוֹבוֹת, דָאס אִיז טַייטְשׁ: דִימַאנְטֶען בְּרִילַיאַנְטֶען אוּנ מַרְגָלִיוֹת, דָאס אִיז טַייטְשׁ: פֶּערְל. הֶארְסְטוּ, רָחֶלֶע, פֶּערְל זָאלְסְטוּ הָאבֶּען, אוּנ אַז אִיךְ וֶועל קוּמֶען צוּ דִיר לַייהֶען אַ גְמִילַת חֶסֶד, זָאלְסְטוּ מִיר נִיט זְשַׁאלִיוֶוען אוּנ טַאקֵי לַייהֶען אַ סַךְ. וָוארוּם צוּ לִיעבּ מַיין טָאכְטֶערְס חֲתוּנָה בִּין אִיךְ לֹא עָלֶיךָ אַ גְרוֹיסֶער בַּעַל חוֹב גֶעוָוארְן, מֶען בַּייסְט מִיר דִי פָּאלֶעס אָבּ... דָאס אִיז אַלְץ מַיין אַלְטֶע שׁוּלְדִיג: בַּיי מִיר וָואלְט רֶעכְט גֶעוֶועזְן גֶעבֶּען מַיין זַלַאטֶקֶען אַ צְוֵויי דְרַייִ הֶעמְדֶער. אַ מַלְבּוּשׁ אוֹיף דֶערְוָואכֶען אוּנ אַ מַלְבּוּשׁ אוֹיף שַׁבָּת, אַבִּי חֲתוּנָה גֶעמַאכְט; וֶועט אִיהר מַאן וֶועלְן וָועט עֶר אִיהְר מַאכֶען קְלֵיידֶער הָאטְשׁ זַיידֶענֶע, וָואס אַהרְט עֶס מִיךְ. נִיט אֱמֶת רָחֶלֶע, מַיין אַלְטֶע אִיז אוּנְגֶערֶעכְט?

זִי הָאט גֶעשְׁוִויגֶען. שִׁימֶעלֶע אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען נָאךְ נָאהֶענְטֶער. וָואס שְׁוַויינְסְטוּ רָחֶלֶע, הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט, וָואס בִּיזְטוּ בְּרוֹגֶז? יוֹא, אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה, דוּ הָאסְט פַּאר אִיבֶּעל וָואס אִיךְ הָאבּ אָהן דִיר דִי חֲתוּנָה מִיט מַזָל אָבְּגֶעשְׁפִּיעלְט, דוּ וָואלְסְט בְּוַדַאי גֶעטַאנְצְט, טַאקֵי אַ עֲוֹלָה, אוֹיף נֶאֱמָנוֹת אַעֲוֹלָה; אָבֶער דֶערְפַאר הָאט דַיין מַאמֶע זָאל גֶעזוּנְד זַיין גֶעטַאנְצְט פַאר דִיר אוֹיךְ. זַיי נִיט בְּרוֹגֶז רָחֶלֶע, גֶעדֶענְקְסְטוּ דֶעם עֶבֶרְדִיגֶען חוֹל הַמּוֹעֵד פֶּסַח הָאבֶּען מִיר אוּנְז מוֹחֵל גֶעוֶועזְן אוּנ כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזְן אוֹיף אֵייבִּיגֶען שָׁלוֹם. נַא, זֶעה הָאטְשׁ אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט פֶערְגֶעסְן: דֶעם עֶרְשְׁטֶען חֵלֶק לֶעקֶעךְ הָאבּ אִיךְ אַרָאפְּגֶענוּמֶען אוּנ לְכַתְּחִילָה פַאר דִיר בֶּעהַאלְטֶען. נֶעהם עֶס צוּ, זָאג מִיר מַזָל טוֹב אוּנ עֶסס גֶעזוּנְד!

שִׁימֶעלֶע הָאט זַיינֶע גוּטֶע רֵייד נוּר פַאר דִי בּוֹימֶער גֶערֶעדְט. רָחֶלֶע אִיז אַזוֹי בֶּעקְלֶעמְט גֶעוֶועזְן דָאס זִי הָאט זַיינֶע וֶוערְטֶער כִּמְעַט נָאר נִיט גֶעהֶערְט. שִׁימֶעלֶע הָאט אִיהר וִוי דֶער שָׂטָן אוֹיכְגֶעוִויזֶען וָואס הָאט אִיהר גֶעבֶּעט אִין דִי לוּפְּטֶען אַנְגֶעהַאפְּט אוּנ נִיט צוּגֶעלָאזֶען דֶער מוּטֶערְס וַוייךְ גֶעוָוארְן הֶערְץ צוּ אִיהר קִינְד זִיךְ צוּקְלֶעבֶּען. עֶר אִיז צוּרִיק אִין שְׁטוּבּ אַרַיין אוּנ הָאט פֵּיינֶען זַיינֶע לֶעקֶעךְ אַוֶועגְגֶעגֶעבֶּען רָחֶלֶעְן אִיבֶּער צוּגֶעבֶּען. פֵּיינֶע אִיז אַרַיין אִין סָאד אַ קוּק טְהוּן וָואס אִיז דָארְט גֶעשֶׁעהְן.

— דוּ בִּיזְט גָאר אַלֵיין, מַיין טָאכְטֶער? הָאט פֵּיינֶע גֶעפְרֶעגְט, אַז זִי הָאט זִי אַזוֹי פֶערְשְׁטֵיינֶערְט גֶעפוּנֶען.

— אַלֵיין, פֵּיינֶע, עֶלֶענְד אוּנ אַלֵיין! הָאט רָחֶלֶע גֶעאֶנְטְוֶוערְט, מַיין מוּטֶער הָאט אִיהר הַארְץ פוּן מִיר פֶערְשְׁלָאסֶען, אִיךְ וֵויים שׁוֹין קֵיין שְׁלִיסֶעל נִיט וִוי עֶס צוּרִיק צוּ אָפֶּענֶען... מַיינֶע טְהרֶערֶן זַיינֶען טְרָאפֶּענְס רֶעגֶען וָואס זִי בֶּעהַאלְט זִיךְ פוּן זַיי, מַיין בֶּעטֶען זִיךְ וֶועקְט אִיהרֶע פֶערְשְׁלָאפֶענֶע מוּטֶערְלִיכֶע גֶעפִיהְלֶע נִיט אוֹיף, מַיין טְבַייעֶר פֶעטֶער הָאט זִיךְ אִין גַאנְצֶען פוּן מִיר אָבְּגֶעזָאגְט. אוּנ גָאט אִין הִימֶעל אַךְ פֵּיינֶע, עֶר הֶערְט מִיךְ אוֹיךְ נִיט! ... זַייט אִיהר מִיט מִיר אִין מַיין נוֹיטְה, פֶערְשְׁפְּרֶעכְט מִיר: מִיךְ אַלֵיין נִיט צוּ לָאזֶען בְּעֵת אַלֶע וֶועלֶען זִיךְ פוּן מִיר אָבְּזָאגֶען.. דִי מוּטֶער פֶּערקוֹיפְט דָאס הוֹיז אוּנ אַלְץ וָואס אוּנְז אִיז דָא לִיעבּ, זִי וֶועט בַּאלְד חוּפָּה הָאבֶּען אוּנ אַוֶועקְפָאהרֶען אַהִין, וואוּ עֶס לֶעבְּט זִיךְ וִוי אִין אַ גַן עֵדֶן... אִיךְ וֶועל דָא בְּלַייבֶּען, בְּלַייבְּט אִיהר אוֹיךְ מִיט מִיר, אוּנ אִיךְ וֶועל אַלְץ פַאר גוּט אָנְנֶעהמֶען.

— מַיין לִיעבּ קִינְד, הָאט פֵּיינֶע אויסגֶערֶעדְט און אִיהרֶע טְהרֶערן הָאבֶּען זִיךְ פֶּערגָאסֶען, מַיין גַאנְץ לֶעבֶּען וֶועל אִיךְ אַוֶועג גֶעבֶּען פַאר דִיר, אִיךְ זָאל נוּר וִויסֶען אַז גָאט וֶועט מִיךְ צוּנֶעהמֶען אַנְשְׁטָאט דִיךְ! וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ אַ חוּץ דִיר? וֶוער, אַז נִיט דוּ וֶועט אִין דֶער נוּטֶער שָׁעָה מִיט מִיר וִדוּי זָאגֶען און נָאךְ מַיין טוֹידְט פַאר מִיר אַ קַדִיש דִינְגֶען? — זָאג דוּ מִיר צוּ, לִיעבּ קִינְד, מִיךְ נִיט אַהֶעקצוּלָאזֶען בִּיז מַיין לֶעצְטֶע שָׁעָה וֶועט קוּמֶען. מִיךְ דַארְפְסְטוּ נִיט בֶּעטֶען, אִיךְ בִּין דַיינֶע בִּיז קֶבֶר!...

# ז.

פוּן יֶענֶעם טָאג אָן, וָואס חַייֶע'לֶע אִיז דֶעם נִסָיוֹן בַּייגֶעשְׁטַאנֶען און אִיהר קִינְד נִיט גֶעבֶּען אִיהר זִינְדִיגֶע תַּאֲוָה, הָאט זִי אויסגֶעוַויכְט יֶעדֶע גֶעלֶעגֶענְהֵייט וָואס קָאן זִיא חָלִילָה נָאךְ אַמָאל צוּ אַזַא שְׁוֶוערֶען נִסָיוֹן בְּרֶענְגֶען. רָחֶלֶע הָאט אוֹיךְ מֶעהר קֵיין גֶעלֶעגֶענְהֵייט גֶעזוּכְט דִי מוּטֶער אִין אַזַא נִסָיוֹן צוּ שְׁטֶעלֶען, זִיא הָאט עֶרְקֶענְט אַז זִיא הָאט נִיט מִיט וֶועמֶען צוּ רֶעדֶען, וָוארוּם זִי הָאט גֶעזֶעהן אַז דִי מוּטֶער גְרֵייט זִיךְ צוּ דֶער חֲתוּנָה און קְלֶערְט גָאר נִיט, אַז עֶס אִיז נָאךְ דָא וֶוער וָואס וִויל דִי חֲתוּנָה נִיט. אִין דֶער צַייט הָאט זִי צוּ מֹשֶׁה'לֶען זֶעהר פִיעל גֶעשְׁרִיבֶּען. אִין אֵיין בְּרִיוֶועל הָאט זִי אִיהם אִיהר לַאגֶע מִיט פָאלְגֶענְדֶע וֶוערְטֶער אויסגֶעדְרִיקְט:

„וִויפִיעל מוּז אַ מֶענְשׁ גֶעפְּרוּבְט און גֶעלַייטֶערְט וֶוערן בִּיז זַיין שֵׂכֶל קוּמְט צוּ אַ רֶעכְטֶער אִיבֶּערצַייגוּנְג! וִויפִיעל הָאבּ אִיךְ גֶעלִיטֶען, לִיעבֶּער פְרַיינְד, בִּיז מַיין שֵׂכֶל הָאט מִיךְ אִיבֶּערצַייגְט, דַאס אִיךְ בִּין שְׁוַואךְ וִוי אַ פְלִיג נוּר יֶענֶעם'ס ווִילֶען גוֹבֵר צוּ זַיין, אָבֶּער שְׁטַארְקֶער וִוי אַייזֶען בִּין אִיךְ מַיין אֵייגֶענֶע הֶערְץ און ווִילֶען צוּ בֶּעשִׁיטְצֶען! עֶרְשְׁט אִיצְט, נָאךְ אַזוֹי פִיעל שְׁמֶערְצֶען, נָאךְ אַזוֹי פִיעל וֵויינֶען און הֶעטֶען און נָאךְ אַזוֹי פִיעל טְהרֶערֶען פֶערגָאסֶענֶע אוּמְזִיסְט בִּין אִיךְ צוּ דֶער פֶעסְטֶער אִיבֶּערצַייגוּנְג גֶעקוּמֶען אַז זֵיי הָאבֶּען מִיר נָאךְ גָאר נִישְׁט גֶעטְהוּן, נִיט מִיט זֵייעֶר הְנָאִים שְׁרַייבֶּען, נִיט מִיט זֵייעֶר נָאמֶען „כַּלָּה" וָואס זֵיי הָאבֶּען מִיר גֶעגֶעבֶּען. זֵיי הָאבֶּען נָאךְ דָאס מִינְדֶעסְטֶע וָואס מִיר טְהַייעֶר און לִיעבּ אִיז, פוּן מַיין הֶערְצֶען נִיט אויסגֶערִיסֶען. יָא, מֹשֶׁה'לֶע, עֶס הָאט נוּר אַ ווִינְד, אַ שְׁטוּרֶעמְווִינְד גֶעבְּלָאזֶען; אָבֶּער קֵיין בּוֹימֶער, קֵיין בְּלוּמֶען פוּן מַיין גָארְטֶען נִיט אויסגֶערִיסֶען... נִיט אַיינְגֶעבּוֹיגֶען אֲפִילוּ אוֹיף אֵיין מִינוּט... אַלֶעס אִין אִיהם בְּלִיהט נָאךְ, אַלֶעס וַואקְסְט און גֶעדַייהְט, אַטְהֶעמְט לִיכְט און לוּפְט וִויא גָאר נִישְׁט גֶעשֶׁעהן!... אִיךְ קָאן אִיצְט זֵיי גְלַייךְ אִין דִי אוֹיגֶען קוּקֶען, זִיךְ נִיט אִיבְּרִיג בֶּעקִימֶערֶען מִיט דִי חֲתוּנָה קְלֵיידֶער און חֲתוּנָה צוּרִיכְטוּנְג, וָואס זֵיי גְרֵייטֶען צוּ. מִיט מַיין לֶעבֶּען, מִיט אַלְץ וָואס מִיר הֵיילִיג אִיז, בִּין אִיךְ דִיר עָרֵב אַז דִי חֲתוּנָה וֶועט קֵיינְמָאל נִיט זַיין. דַיינֶע בִּין אִיךְ, מֹשֶׁה'לֶע. דַיינֶע בִּיז דֶעם לֶעצְטֶען אָטְהֶעם-צוּג פוּן מַיין לֶעבֶּען. גָאט אִין הִימֶעל הֶערְט און אִיז מַיין עֵדוּת מִיט וֶועלְכֶער פַייעֶרְלִיכְקֵייט און גֶעווִיסְהֵייט אִיךְ שְׁווֶוער עֶס דִיר. יָא, נוּר עֶר הָאט מִיר דִיךְ גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער מִינוּט וָואס עֶר הָאט בֶּעשְׁטִימְט מַיין לִיעבֶּען פָאטֶער פוּן מִיר צוּ צוּנֶעהמֶען. דוּ בִּיזְט מַיין פָאטֶער, מֹשֶׁה'לֶע אִין דִיר הָאבּ אִיךְ אִיהם אַ לֶעבֶּענְדֶען, אַ גֶעטְרַייעֶן זֶעלְבְּסְט נָאךְ זַיין טוֹידְט און מִיר אִיז גֶענוּג דַיין נָאמֶען צוּ דֶערמָאנֶען און זִיךְ שְׁטַארְק צוּ פִיהלֶען מִיט דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט צוּ

קאמפפען מיין וואונש אונ ווילען צו בעהויפטען! איך גלויב אין גאט, איך רופע איהם אונ בין איבערצייגט אז ער הארט מיך אונ ענטווערט מיר, דען נור איינע גאטליכע מאכט איז די ליעבע אין מיינעם הערצען, מיט איהר גליקליך צו זיין זעלבסט אין אונגליק. איינע גאטליכע האנד פיהל איך וואס שיטצט מיין שוואך הערץ געגען דעם בלינדען ווילען פון מיין מוטער אונ, זאגסט אימער געטריייען פעטער. יא, נור גאט קאן מיר אזא מוטה געבען זיך אויסצולאכען פון דעם רבינ'ס געוואלדיגער מאכט. אונ ניט מורא האבען פאר זיינע קללות, אונ ווען גאט איז מיט מיר, פאר וועמען האב איך מורא?

דעננאך טהו איך אלץ וואס מאגליך איז צו א סקאנדאל ניט צו ברענגען אונ ווי בעט איך גאט ער זאל זיי זייערע אויגען אפענען, זיי זאלען זיין ווילען אויך אזוי בעגרייפען ווי איך! נור ווען פון מיינער זייטע וועט אלעס, וואס קאן צו א פרידליכען גוטען סוף פיהרן — זיין אבגעטהון אונ זיי וועלן נאך ניט איינזעהן מיין רעכט וואס איך האב אויף זיך, דאן זאל מיר גאט פערצייהען, איך בין אויף דאס אייסערסטע בערייט אונ גפאסט, אונ וועל מיין התן אונ מחותן אין דיא אויגען זאגען: זיי מאגען פאהרען מיט דעם זעלבען וועג וואס זיי זענען געקומען, מען האט זיי גענארט, פערקויפט דיא פעל איידער מען האט נאך דעם האז דערשאסען... אונ ניט אמוטער מיט אפעטער, ניט א רבי מיט זיינע חסידים קאנען דעם בונד צורייסען וואס גאט זעלבסט האט ביט ליעבע פערבונדען... פון מיינע ליעבע צו דיר ווייסען איצט אללע, זעלבסט דעם רבין האב איך פון איהר ערצאהלט אין געגענווארט פון א מענגע חסידים. אונ ווייל דער רבי האט געזאגט אז איך זינדיג מיט אזעלכע ווערטער אונ ווייל אלע ווייסען דאס נור מיינע ליעבע צו דיר מאכט מיך פאר אזא זינדיגע יודישע טאכטער וואס וויל דעם רבינ'ס אויסדריקליכען ווילען ניט טהון, האב איך מורא דיך צו רופען מיר אהאנד צו געבען אין מיין נויטה. אין רבינ'ס הויף האב איך זיין געוואלדיגע מאכט בעמערקט, אונ ניט אומזיסט, מיין איך, האט מען מיר דארט פיעל משלים דערצאהלט פון דעם שלעכטען סוף וואס האט זיך אויסגעלאזען פון יענע יונג'ע קינדער וועלכע האבען א העזה געהאט, איבער זייער נארישער ליעבע, דעם רבינ'ס רצון אונ ברכה דערווידער צו זיין... איך בין אפשר זינדיג פאר גאט חושד צו זיין מיין טהייער פאלק אין אזא זאך וואס יודען זענען דערצו ניט פאהיג, אבער מיר, משה'לע, ווערטו נור אנגסט אונ זארג מיטברענגען, ווען דו וועסט קומען איידער איך וועל דיך רופען!... זיי זיכער, ווען די נויטה וועט גרויס זיין אונ איך וועל איינזעהן אז מיין איינענער כח איז צו שוואך מיין ווילען צו בעהויפטען וועל איך דיך רופען אונ דוא וועסט נאך יעדענפאלס צייט האבען דיין כלה'לען צו רעטען, זי זאל דיינע זיין. דיינע. משה'לע, פאר גאט אונ פאר דער וועלט!... לערן אונגעשטארט. נור איצט ווייס איך אונ פערשטעה איך וואס דו לערנסט אונ ווי נויטהיג דיין לערנען איז א פרומער אמת'ר יוד צו זיין. אין רבינ'ס הויף האב איך פיעל געלערנט, אונ איך ווייס איצט אז פון טויזענד מענשען איז נור קוים איינער דא, וואס גלויבט ניט, אז שווארץ איז ווייס אונ פון אזוי פיעל יודען איז אפשר אויך מעהר ווי איינער ניטא, וואס איז באמת ווערט מיט דעם אמת'ן נאמען. יודי' אנגערופען צו ווערן... איך ווייס ניט צו איז די וועלט

נאך אזוי פינסטער, אדער צו זענען דא אין דער וועלט מעהר בלינדע אלס זעהענדע? נור מיר איז מער קיין וואונדער ניט פאר וואס לאזען זיך אנאנצע שטאדט שעפשען טרייבען פון איין קליינעם פאסטוכ׳ל אונ פאר וואס גלויבען טויזענדער יודען אין נאך א יודען, וועלכער איז אייגענטליך ניט בעסער, ניט קליגער אונ ניט פרימער פאר זיי!....

אזוי האט רחל׳ע זיך רוהיג געפיהלט אונ זיך ווענינ בעקימערט מיט אלץ וואס טהוט זיך ארום איהר.

נור דער געדאנק האט זיא געפייניגט, וואס די מוטער פערקויפט דאס הויז אונ וואס זי וועט באלד חופה האבען, ארויספאהרן פון דאנען אונ נעהמען די קינדער מיט זיך. — ווי וועל איך מיך מיט זיי צושיידען? פלעגט זי זיך פראגען, ווי וועלן דיא עלענדע קינדער קאנען לעבען אהן מיר אונ וואס וועט פון זיי ווערן? דיזע פראגען זענען איהר איין מינוט פון זינען ניט ארויס; זיא האט זיך אבער געשטארקט אונ בישלעכוועיז אנגעהויבען די קינדער אבגעוואהנען פון זיך. זי האט אויפגעהערט זייא אנטהון אונ אויסטהון, ווי זי איז געוואהנט געוועזען. זי פלעגט אויך אויסמיידען מיט זיי אליין ניט צו בלייבען אונ פלעגט אוועג געהן ערגעץ, בעת די קינדער פלעגען פון חדר קומען; נור ביי נאכט ווען די קינדער פלעגען שוין שלאפען, פלעגט עס זי פון איהר בעט ארויסציהען אונ זי פלעגט שטיל ווי א גנב אין זאקען, אין קינדער צימער אריינגעהן, זייי אנקושען שלאפענדיגע, זיך אויסוויינען אונ צוריק מיט א בעקלעמטען הערצען אויף איהר בעט זיך אוועקלעגען. אז די קינדער פלעגען זי א מאל טרעפען, זיך צוצעפען צו איהר אונ וועלן וואס דערצאהלען פאר איהר, פלעגט זי זיך אגעוואלדיגעס טהון אונ זיך ארויסרייסען פון זיי; אדער זיי אוועקטרייבען פון זיך אונ אין איהר האט דאס הערץ געבלוטעט זעהענדיג ווי די אונשולדיגע קינדער ווערן בעקלעמט אונ פערשטעהן ניט פאר וואס איז זי צו זיי אזוי קאלט געווארן. אזוי זענען עטליכע שווערע פינסטערע טאג אריבער; נור דא האט זיך געמאכט, דאס קליין שוועסטערל איז ניט געזונד געווארן אונ זי האט ביי אזא געלעגענהייט ניט געקאנט מעהר פון ווייטען זיין. זי איז דריי טאג אונ דריי נאכט אין קינדס צימער געזעסען ביים בעטעלע געזעסען. נור פון איהר האנד האט דאס קראנק קינד דיא רפואה גענומען. אין דער צייט האבען אויך די ברידערלעך געקאנט זיך צוטולען צו איהר אונ זי האט איינגעזעהן אז איהר טרחה זיי פון זיך אבצוגעוואהנען איז אומזיסט.

איינמאל האט דאס עלטערע ברודערל זיך צוגעטולעט צו רחל׳ען, גענומען קושען איהר האנד אונ פון זיינע אויגען האבען זיך טהרערן געגאסען.

— וואס וויינסטו? האט רחל׳ע געפרעגט.

— האב אונז ניט פיינדט, רחל׳ע! האט דאס קינד אויסגעהליפעט, די מאמע זאגט דו האסט אונז אלעמען פיינד אונ ווילסט ניט וויסען פון אונז...

רחל׳ען זענען טהרערן אין די אויגען אנגעלאפען אונ האט ניט געוואוסט דעם קינד וואס צו אנטווערן.

— וויין ניט, רחל׳ע, האט דאס קינד געבעטען, איך וועל שוין אויך ניט וויינען, קיינמאל ניט וויינען, רחל׳ע; נור האב מיך ניט פיינדט. טרייב מיך ניט אוועק פון דיר! איך האב דיך אזוי ליעב רחל׳ע, אזוי ליעב, אפילו מיין חלק לעולם הבא וואלט

איך דיר אַװעקשענקען! ... מיר װעלן דיך פּאָלגען, רחלע, און טהון אַלץ װאָס דו הייסט אונז. אֲפִילוּ מירעלע װעט אויך ניט װיינען אַז דו װעסט זאָגען אַז דו האָסט אונז ניט פיינדט.

– איהר װעט מיר אַלע פאָלגען? האָט זי געפרעגט.

אַלע, אַלע! האָבען דיא קינדער אויסגעשריען.

– האָט מיך פיינדט, קינדערלעך, עלענדע! האָט מיך פיינדט, איך בין ניט װערטה איהר זאָלט מיך ליעב האָבען!....

– ניין רחלע, האָט דאָס ברודערל זיך אָבגערופען, אַלץ װעל איך דיר פאָלגען, נור פיינד האָבען דיך קאָן איך ניט, װי איך בין אַ יוד, איך קאָן ניט, רחלע! אַז דו רעדסט ניט מיט מיר טהוט מיר אין האַרצען אַזוי װעה, און אַז איך קום אין חדר און הייב אָן לערנען, װיין איך תּאַטש איך װיל ניט װיינען. דער רבּי שלאָגט מיך און די מאַמע זאָגט: דו האָסט אונז אַלעמען פיינדט!..

– ניין, מאַטעלע, האָט זי אויסגערעדט מיט אַ שמערצליכע שטימע, איך האָב אייך ליעב, װי מיין לעבען ליעב! װער קאָן אייך, מיינע ברידערלעך, פיינד האָבען? נור אָבגעװאָהנען אייך פון מיר װיל איך, אַט באַלד װעט איהר מיט דער מאַמען אַװעקפאָהרן צו אונזער נייען טאַטען, איך װעל דאָ בלייבען, איך װיל, קינדערלעך אייך בעצייטענס אויסלערנען ניט בענגען נאָך מיר.

– ניין רחלע, האָט דאָס קינד מיט אַ נייע געװיין געענטװערט, מיר װעלן דאָ מיט דיר בלייבען! אַי, לאָז אונז ניט פאָהרן צום נייען טאַטען, דער רבּי זאָגט: ער איז אַ באָזער און װעט אונז שלאָגען און שמייכען אַלע טאָג!....

די קלענערע קינדער האָבען אויך אָנגעהויבען װיינען, רחלע זעלבּסט האָט זיך פון װיינען ניט געקאָנט צוריק האַלטען, זי האָט די קינדערשע קאָפּעלעך צו איהר ברוסט צוגעדריקט, זיי געקושט און װיינענדיג צוגעזאָגט, זיי ניט צו לאָזען לאַנג ביי דעם נייען טאַטען. אויף מאָרגען פריה האָט זיא שוין זיי װידער אַליין אָנגעטהון װי אַ מאָל, זיי טהיי געגעבען און אין בית המדרש קדיש זאָגען אַװעקגעשיקט. אַז די קינדער זענען נאָך דעם דאַװנען אַהיים געקומען האָבען זיי רחלען געזאָגט, אַז דער פעטער ר' שלמה האָט זי געבעטען זי זאָל ניט אַװעג געהן, ער װעט דאָ באַלד זיין און װיל מיט איהר רעדען. דאָס איז ביי איהר אַ נייעס געװעזן. זייט זי איז מיט איהם צוריק פון װינאָגראַדקע געקומען האָט ער מיט איהר ניט גערעדט, תּאַטש ער פלעגט דאָ אויך אין דער צייט אַזוי אָפט װי פריהער זיין. עס האָט זי ניט פערדראָסען װאָס ער רעדט מיט איהר ניט, אָבער דאָס הערץ האָט איהר שטאַנדיג װעה געטהון קוקענדיג אויף איהם. ער איז פון יענער צייט, מיט צעהן יאָהר עלטער געװאָרן. זי האָט געװאוסט, אַז ער האָט חרטה װאָס ער האָט זיך מיט אַ שבועה אַרויסגעהאַפּט: זי אויף זיין שװעל ניט אַרויפצולאָזען ביז נאָך איהר חופּה מיט ר' העניך'ס זוהן, און אויסער זיין אייגענע חרטה, האָט ער נאָך אויסצושטעהן פון זיין דבורה'ן, איהר קלוגע מוהמען, װעלכע װיינט און קלאָגט װאָס ער האָט איהר ליעבע פלעמעניצע פערטריבען פון איהר שטוב. זי האָט אויך דאָס געװאוסט, אַז צו אַלע זיינע עגמת נפש, איז איהם איצט צוגעקומען אַ נייער צער, װאָס איהר מוטער האָט אָנגעהויבען ערנסט צו רעדען און צו טהון װעגען פער-

קוֹיפֶען דָאס הויז. זִי הָאט גֶעוואוּסְט ווִי עֶלֶענד עֶר וֶועט דָא בְּלַייבֶּען אוֹיף דֶער עֶלְטֶער דַאריבֶּער הָאט זִי אַלֵיין אוֹיךְ גֶעזוּכְט אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט מִיט אִיהם זִיךְ דוּרְכְרֶעדֶען אוּנ הָאט אִיהם אִיצְט מִיט אוּנְגֶעדוּלְד עֶרְווַארְטֶעט. אִין אַ הַאלְבּ שָׁעָה אַרוּם אִיז עֶר גֶעקוּמֶען. רָחֵל'ע הָאט זִיךְ עֶרְשְׁרָאקֶען, אַז זִי הָאט אִיהם דֶערזֶעהן, אַזוֹי אַיינְגֶעהוֹשֶׁכְט קְרַאנְק אִיז זַיין פָּנִים גֶעוֶועזֶן.

– ווָאס אִיז אַייךְ, פֶּעטֶער? הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט אִיהם עֶנְטְגֶעגֶענְגֶעהֶענְדִיג.

– דוּ בִּיזְט פָּארְט מַיין גוּט קִינְד! הָאט עֶר גֶעעֶנְטְוֶוערְט מִיט אַ צֶערְטְלִיכֶער שְׁטִימֶע, אִין דִיר אִיז נָאךְ פָּארְט דָא מַיין לִיעבֶּען בְּרוּדֶערְס גוּט הַארְץ, דוּ הָאסְט רַחֲמָנוּת אוֹיף מִיר, נִיט אֱמֶת. דוּ ווִילְסְט נִיט אִיךְ זָאל שְׁטַארְבֶּען אָהן אַ צַייט!

– פֶּעטֶער, שְׁטַארְבֶּען אָהן אַ צַייט ווִינְשׁ אִיךְ אֲפִילוּ אַ שׂוֹנֵא נִיט! הָאט זִי זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, „קֵיין שׂוֹנֵא זֶענְט אִיהר מִיר גֶעווִיס נִיט. אִיךְ הָאבּ אִין אַייעֶר אֱמֶת'ע טְרַייהֵייט צוּ מִיר אַלֶע מָאל גֶעגְלוֹיבְּט אוּנ אוֹיךְ אִיצְט בִּין אִיךְ אִיבֶּערְצַייגְט, אַז אִיהר מֵיינְט נוּר מַיין גְלִיק; אִיךְ בֶּעט נוּר גָאט, עֶר זָאל אַייךְ דִי אוֹיגֶען אָפֶּענֶען, אִיהר זָאלְט פֶערְשְׁטֶעהן אַז נִיט דָאס גְלִיק, ווָאס אִיהר ווִינְשְׁט מִיר אִיז פַאר מִיר אַ גְלִיק.

– רֶעד נִיט דֶערְפוּן, הָאט עֶר גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ וֶועל שׁוֹין שְׁטַארְבֶּען אַזַא נַארר ווִי אִיךְ בִּין, הֶער מִיךְ בֶּעסֶער אוֹיס! דוּ ווִילְסְט דָאךְ נִיט, אִיךְ זָאל שְׁטַארְבֶּען זָאגְסְטוּ. הֶער=זְשֶׁע ווָאס מֶען רֶעדְט צוּ דִיר: זַיי ווִיסֶען אַז דִי מַאמֶע דַיינֶע פֶערְקוֹיפְט נָאר אִין גִיבֶען דָאס הויז מִיט בַּכֹּל שֶׁל הַכֹּל. מִיר אִיז דֶער עָגְמַת פוּן דֶעם אַזוֹי גְרוֹיס, אַז מִיר אִיז לִיעבֶּער דֶער טוֹידְט אֵיידֶער דָאס צוּ דֶערְלֶעבֶּען. ווֶעמֶען הָאבּ אִיךְ דָא? עֶלֶענְד ווִי אַ שְׁטֵיין בְּלַייבּ אִיךְ מִיט מַיין אַלְטֶער, אִיךְ בִּין צוּ דֶעם הויז וואוּ אִיךְ בִּין גֶעבּוֹירֶען גֶעווָארן אַזוֹי צוּגֶעווָאהנְט, צוּגֶעוואַקְסֶען פָּשׁוּט, אַז נִיט ווֶעלֶענְדִיג אֲפִילוּ מוּז אִיךְ דָא יֶעדֶען טָאג זַיין... ווָאס, לִיעבֶּע טָאכְטֶער, ווֶעל אִיךְ טְהוּן אַז דָאס וֶועט אָבְּקוֹיפֶען דֶער פָּרִיץ ווֶעלְכֶער דִינְגְט זִיךְ אִיצְט מִיט דַיין מַאמֶען?

– ווָאס=זְשֶׁע קָאן אִיךְ דֶערְצוּ הֶעלְפֶען? הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט, מִיר אַלֵיין אִיז אוֹיךְ שְׁוֶוער זִיךְ צוּ שֵׁיידֶען מִיט דֶער שְׁטוּבּ וואוּ אִיךְ בִּין גֶעבּוֹירן אוּנ הָאבּ בִּיז הַיינְט גֶעלֶעבְּט; נוּר בַּיי מִיר פְרֶעגְט מֶען נִיט... זֶעלְבְּסְט ווֶען אִיהר הָאט מִיךְ פֶערְקוֹיפְט הָאט אִיהר מִיךְ נִיט גֶעפְרֶעגְט אוּנ אֲפִילוּ נִיט גֶעהֶערְט מַיין ווֵיינֶען אוּנ מַיין שְׁרַייעֶן, אַז אִיךְ ווִיל נִיט פֶערְקוֹיפְט זַיין, ווָאס=זְשֶׁע ווִילְט אִיהר אִיצְט פוּן מִיר? ווָאס קָאן אִיךְ טְהוּן?

– דוּ זָאלְסְט נוּר וֶועלן, מַיין קִינְד, קָאנְסְטוּ מִיט אֵיין ווָארְט מַאכֶען, אַז דָאס הויז זָאל דַיינֶע בְּלַייבֶּען אוֹיף אֵייבִּיג. בְּרֶעךְ נוּר דַיין יֵצֶר הָרָע אוּנ זָאג, אַז דוּ ווִילִינְסְט אַיין חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען מִיט דַיין אֱמֶת'ן בֶּעשֶׁערְטֶען, מִיט ר' הֶענִיךְ'ס זוּהְן!

– גֵיין, פֶּעטֶער! הָאט זִי אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן אָנְגֶעצוּנְדֶען פוּן כַּעַס, ווִי עֶר ווָאלְט זִי מִיט זַיינֶע רֵייד אַם שְׁמֶערְצְלִיכְסְטֶען אָנְגֶעגְרִיפֶען, טְהוּט ווָאס אִיהר ווִילְט, פֶערְקוֹיפְט אַייךְ דָאס הויז, פָּאהְרְט אַייךְ צוּם רֶבִּי'ן, אַלְץ ווָאס אִיהר קָאנְט טְהוּט, נוּר לָאזְט מִיךְ צוּרוּה! אִיךְ הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף אַייךְ, מִיר אִיז טְהַייעֶר גֶענוּג מַיין פָאטֶערְס הויז, נוּר אִיךְ זָאל מַיין גְלִיק אָפְּפֶערן פַאר דִי טוֹיטֶע צִיגֶעל אוּנ הָאלְץ פוּן דֶעם הויז, קָאנְט אִיהר פוּן מִיר נִיט פֶערְלַאנְגֶען!

– פַאר ווָאס עֶפִּיס פַאר דִי טוֹידְטֶע צִיגֶעל אוּנ הָאלְץ? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט, פַאר

די לעבעדיגע יתומים׳לעך, רחל׳ע!... פאר די אויסגעלייטערטע נשמות פון דיין קלוגע זיידען און ליעבען פאטער. וועלכע קומען נאך א מאל אין זייער נחלה וואס זייערע האנד האבען מיט מיה און עהרליכקייט געבויט און געפלאנצט!... זיי טהו צוליעב, אויף דיינע עלענדע ברידערלעך און שוועסטערל האב רחמנות, זיי זאלען זיך ביי דיר, אונטער זייער טאטענס דאך אויסהאדיווען און ניט מוזען שטאנדינג זיין ביי זייער שטיפטאטען!... איך מוז דיר זאגען דעם אמת, דאס הארץ מיינס זאגט מיר, אז ר פנחס׳ל, וועט קיין געטרייער פאטער פאר זיי זיין, דיין מאמע האט זיך מעהר אין זינגען ווי אייך אלעמען, איצט זעה איך עס ערשט. א, רחל׳ע, טהו דיין טהייערן פאטער צו ליעב, ער זאל אין זיין קבר ניט דארפען וויינען אויף דאס עלענד פון זיינע יונג פער־לאזענע יתומים׳לעך, טהו עס מיר צוליעב און ברעך דיין הארץ!... אמת, דו ליעבסט משה׳לען, אבער דו זעהסט דאך אז גאט וויל ניט. שוואר מיר אז דו וועסט דערנאך ניט חרטה האבען, שרייב איך באלד א בריוועל צו דיין מחותן אין דיין נאמען, אז דו זאגסט איהם: עס קאן פריהער קיין חתונה ניט זיין ביז ער וועט ביי דיין מאמען דאס הויז מיט אלץ אבקויפען פאר דיר. טאקי אויף דיין אייגענעם נאמען, אנדערש ווילסטו ניט און אויב ער וועט ניט איינוויליגען איז א סימן אז עס איז ניט בעשערט דער שדוך; נור ער וועט איינוויליגען, וועסטו זעהן ער וועט א ווארט ניט איבערערען און דאס הויז וועט דיר בלייבען, דיינע ברידערלעך און שוועסטערל וועלן זייער היים ניט פערלירן, וועסטו וועלן וועסטו דא וואהנען מיט דיין בעשערטען, און פאר וואס טאקי ניט? די קינדער וועלן אויך דא בלייבען. רחל׳ע, גאט ברוך הוא אליין האט מיר די עצה צוגעשיקט, די עצה איז פאר דיר א נסיון, זיי א פרומע יודישע טאכטער און דערמאן דעם נסיון וואס אברהם אבינו איז ביינעשטאנען, ער האט געווים זיין טהייערן בן יחיד אזוי ליעב געהאט ווי דו האסט משה׳לען ליעב, פונדעסטוועגען האט ער איהם אליין צום מזבח געפיהרט. זיי דו אויך מקריב היינט דיין זינדיגע אהבה און טהו גאטעס ווילען מיט אמונה! דערמאן דיין פאטער, דיין זיידען און, זיי צו לענגער יאהר — זייערע עלענדע יתומים׳לעך... אין דיין האנד איז זייער גורל. שטארק דיך, שטארק דיך, מיין ליעב קינד און שוואר מיר אז דו וועסט מיט דעם פלאן צו פרידען זיין!

— פעטער, האט רחל׳ע מיט א העפטיג וויינען אויסגעשריען און איהם אויפן האלז געפאלען, האט ניט אברהם אבינו פריהער געבונדען זיין איינציג קינד איידער ער האט זיין האנד צום מעסער אויסגעשטרעקט? א, טהוט מיט מיר אויך דעם חסד און בינדט מיך פריהער, נעהמט צו מיין שכל פון מיר, רייסט אויס מיין הערץ פון מיין ברוסט און איך וועל אלעס אלעס טהון וואס איהר פערלאנגט!.... איך קאן זיך אליין אין שטיקער ניט צו רייסען! האט רחמנות פעטער, רעדט מעהר ניט מיט מיר, דאס עלענד פון די קינדער פילט שוין אזוי אויך געננג מיין הערץ אוים, ניט שיט מיר זאלץ אויף מיינע וואונדען וועלכע איך קאן ניט היילען!...

— ניין, איך וועל ניט אוועקגעהן ביז די וועסט מיר שווארן, אז דו האסט דיין הארץ געבראכען! האט ער מיט הערץ געזאגט. שוואר, ליעב קינד! דו וועסט אליין זעהן אז באלד וועט דיר א שטיין אראפ פון הארצען און דיינע אויגען וועלן איינזעהן.

אַז נור אַ שׂטָן, אַ ...' הָרָע הָאט דִיךְ צוּ דַיין גְלִיק נִיט צוּגֶעלָאזֶען.

— שְׁווארן הֵייסְט אִיהר מִיךְ! הָאט זִי אִיבֶּערְגֶעזָאגְט, וֶועט נִיט אַזַא שְׁבוּעָה אַ שַׁאנְדֶע זַיין פַאר גָאט, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהֶערְט וִוי אִיךְ הָאבּ מַיין לִיעבֶּען שְׁוֶועסְטֶערְ'ס קִינְד גֶעשְׁוָוארן זַיינֶע צוּ זַיין וִוי לַאנְג אִיךְ וֶועל לֶעבֶּען? נֵיין פֶּעטֶער, מִיר זֶענֶען לִיעבֶּער אַלֶע פַיין אוּנ אַנְגְסְט אַלְס דֶער שְׁבוּעָה פַאלְשׁ צוּ זַיין!

— אִיךְ בִּין דִיר עָרֵב, אַז מֹשֶׁה'לֶע וֶועט דִיר מוֹחֵל זַיין! הָאט ר' שְׁלֹמֹה פֶערְזִיכֶערְט, עֶר הָאט מֶעהר שֵׂכֶל פַאר דִיר, עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט אוּנ ווייס אַז אַזַא אַהֲבָה אִיז כְּ:פָּה בְּטֵלָה, אַז בַאלְד וֶועקְטוּ אִיהם פַיינְד הָאבֶּען... עֶר הָאט אוֹיךְ אַ בֶּעסֶער הַארְץ פַאר דִיר אוּנ צוּלִיעבּ דִי יְתוֹמִים זֵיי זָאלֶען נִיט פֶערְוָואנֶעלְט וֶוערן בַּיי אַ שְׁטִיפְמַאטֶען, וֶועט עֶר זִיךְ אַלֵיין אָבְּזָאגֶען פוּן דִיר; נוּר אַ שְׁלֶעכְטֶע, אַ זִינְדִיגֶע בִּיזְטוּ אַז דוּ ווִילְסְט דֶעם קְלֵיינֶעם קָרְבָּן נִיט בְּרֶענְגֶען.

— אָ, פַּיינִיגְט מִיךְ נִיט, פֶּעטֶער! הָאט רַחֲמָנוּת אוּנ רֶעדְט נִיט מֶעהר! מַיין הֶערְץ וֶוערְט אִין שְׁטִיקֶער צוּרִיסֶען. הָאט זִי אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנ אִיז וִוי אַ פֶערְשְׁטֵיינֶערְטֶע לִיגֶען גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶער קְרֶעסְלָא אוֹיף וֶועלְכֶער זִיא אִיז דָא פַאר אִיהם גֶעזֶעסֶען. נוּר עֶר הָאט זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקוּקְט אוּנ אִיהר שְׁרֶעקְלִיכֶע בִּילְדֶער פָארְגֶעשְׁטֶעלְט; וָואס עֶס וֶועט זִיךְ אוֹיסְלָאזֶען פוּן אִיהר, פוּן דִי קְלֵיינֶע יְתוֹמִים אוּנ פוּן דֶער גַאנְצֶער פַאמִילְיֶע, אוֹיבּ זִי וֶועט אִיצְט נִיט גוֹבֵר זַיין דֶעם יֵצֶר הָרָע אוּנ אַיינְווִילִיגֶען ר' הֶענִיךְ'ס שְׁנוּר צוּ זַיין אוּנ אַ בַּעלְהַבָּיתְ'טֶע צוּ בְּלַייבֶּען אוֹיף דִי נַחֲלָה פוּן אִיהרֶע עֶלְטֶערְן. עֶר הָאט מִיט הֶערְץ גֶערֶעדְט אוּנ זַיינֶע הֵייסֶע טְרֶערן זֶענֶען אוֹיף אִיהרֶע קַאלְטֶע הֶענְדְט גֶעפַאלֶען, זִי הָאט נִיט גֶעקָאנְט אֶנְטְוֶוערן, אִיהר הֶערְץ הָאט פוּן שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁמֶערְצֶען גֶעקְרֶאמְפְּט אוּנ זִי הָאט נוּר פוּן וַוייטִיג גֶעחְלִיפֶּעט. חַיֶיע'לֶע אִיז אַריינְגֶעקוּמֶען אוּנ הָאט זִי מִיט וֶעהר אַ צֶארְטְלִיכְקֵייט צוּגֶענוּמֶען פוּן אִיהם. רָחֶלֶ'ע הָאט נָאךְ דֶעם טָאג אַ וָואךְ אַ גַאנְצֶע צוּגֶעקְרֶאנְקְט.

אִין דֶער צַייט אָבֶּער הָאט ר' שְׁלֹמֹה — גְלוֹיבֶּענְדִיג, אַז זַיינֶע תַּחֲנוּנִים אוּנ עֶרֶענְסְטֶע רֵייד הָאבֶּען גֶעווִירְקְט — אַ בְּרִיף אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט צוּ ר' הֶענִיךְ'ן וֶועגֶען אָבְּקוֹיפֶען דָאס הוֹיז אוֹיף זַיין כַּלָּה'ס נָאמֶען. חַיֶיע'לֶע הָאט אִיהם מוֹטְה צוּגֶעגֶעבֶּען אוּנ הָאט גֶעשְׁוָוארן, אַז זִי וֶועט מֶעהר צוּ אִיהר קִינְד קֵיין טַעֲנוֹת נִיט הָאבֶּען אוֹיבּ ר' הֶענִיךְ וֶועט זִיךְ אָבְּזָאגֶען פוּן דֶער קְנִיָּה אוּנ בֵּיידֶע הָאבֶּען ווִי אוֹיף מָשִׁיחַ'ן גֶעוַוארְט אוֹיף ר' הֶענִיךְ'ס תְּשׁוּבָה.

— זֶעהט זְשֶׁע, שְׁוָואגֶער, הָאט חַיֶיע'לֶע ר' שְׁלֹמֹה'ן אִין דִי טָאג גֶעזָאגְט, אִיךְ טְהוּ אַלְץ יוֹצֵא צוּ זַיין פַאר גָאט אוּנ פַאר אַייךְ, אִיךְ הָאבּ דֶעם פְּרִיץ הַיינְט אָבְּגֶעזָאגְט אַז אִיךְ פֶערְקוֹיף שׁוֹין דָאס הוֹיז אִין גַאנְצֶען נִיט. וָואס אָבֶּער וֶועט אִיהר דֶערְנָאךְ זָאגֶען, אַז דֶער מְחוּתָּן וֶועט שׁוֹין אַיינְווִילִיגֶען אוּנ דִיא כַּלָּה וֶועט נָאךְ אַלְץ בְּלַייבֶּען בַּייא אִיהר טְרוּף?

— זָאל דִי שָׁעָה גָאר נִיט קוּמֶען! הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט. דַאמָאלְס וֶועט זַיין אָסוּר לְרַחֵם! אִיךְ אַלֵיין וֶועל זִי הָאטְ'שׁ מִיט גֶעוַואלְד אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה פִיהרן, דַאמָאלְס וֶועל אִיךְ ווִיסֶען, אַז אַ שָׂטָן, אַ כִּשׁוּף רַחֲמָנָא לִצְלָן אִיז אוֹיף אִיהר, אוּנְז אַלֶעמֶען אִין דֶער עֶרְד אָהן אַ צַייט אַריינְצוּלֶעגֶען. דַאמָאלְס וֶועל אִיךְ ווִיסֶען, אַז אַ מִצְוָה טְהוּ אִיךְ וָואס אִיךְ

װעל זײן אַ אַכזר אויף איהרע טהרערן ... איצט קאן איך ניט. הערסטו, חיעלע, איצט װײנט דאס הארץ אין מיר מעהר פאר איהר. מיט צעהן נסיונות איז אברהם אבינו געפּרובט געװאָרן; מיר זינדיגע מוזען מיט הונדערט נסיונות געפּרובט אונ געלײטערט װערן ביז מיר קומען צום אמת'ן שׂכל דעם אויבערשטענס רצון צו טהון.

נאך די רעד זענען אַריבער נאָך אַ פּאָר טאָג אונ פון ר' העניך'ן איז אַ בריף אָנגעקומען אַז תיכּף נאָך תשעה באב װעט ער אַלײן זײן אין קלײניץ אונ ער װעט מסתּמא ברענגען צו אַ טאַלק די קניית אויך. ער האָט געבעטען: איהם למען השם מודיע זײן בּפּאָסט החוזר, צו באַטהען זיי איהם מיטנעהמען דעם חתן אונ דאס װײבּ׳ס צײגס, מען זאָל טאַקי צו שבת נחמו אָבשפּילען די התונה מיט מזל?

חיעלע האָט זיך מישב געװעזן מיט ר' שלמה'ן אַ גאַנצע שעה אונ מען האָט ר' העניך'ן געאַנטװערט: ער מאג קומען ניט נור מיט דעם חתן אפילו מיט אַלע קרובים אונ גוטע פרײנד, מען איז צו דער חתונה צוגעגרייט אונ די אײנציגע מניעה איז: די כּלה װיל, אַז נאך פאר דער חתונה זאָל זי זיכער זײן אַז איהר פּאָטערס הויז זאָל בלײבען בײ איהר אויף איהר נאָמען דווקא.

## ח.

אַ שװערע, אַ פינסטערע צײט האָט שמעון מלמד איבער געלעבּט אין די דרייא װאָכען פון שבעה עשר בּתמוז ביז תשעה באב. די טאָכטערס חתונה האָט זײן גאַנצען אָנפערדינטען קאַפּיטאַל אויסגעשעפּט אונ ער איז נאָך אין קלײניצער קראָמען אַ בעל חוב, אונ דאָ ציהען זיך לאַנגע פינסטערע דרײ װאָכען אין װעלכע מען קאן קײן שדוך ניט אויספיהרן, קײן חתונה ניט שפּילען אונ אַ קאָפּעקע מן הצד ניט פערדינען. ער האָט זיך פון דעסטװעגען געטרײסט: אָט באַלד װעלן קומען די מילכיגע נײן טאָג, אונ ציפּע װעט מסתּמא מאַכען מילכיגע קרעפּלעך אונ בלינצעס געפּרעגעלט אין פּוטער, אַ מחיה נפשות. אַזעלכע װי ער האָט זוכה געװעזן צו זעהן אַ מאָל בײ די גבירים אין נײן טאָג. מען האָט געבענשט ראש חודש מנחם אב, די נײן טאָג האָבען זיך שוין אָנגעהויבּען, אָבער די קרעפּלעך זעהן זיך נאָך ניט. װי אויף להכעיס איז די ציעג חולה געװאָרן אונ האָט דאס ביסעל מילך אויפגעהערט צו געבּען. אז דאס װײבּ האָט איהם דעם ערשטען נײן טאָגיגען װאַרימעם דערלאַנגט אַ פּאַראָװען, דאס הײסט: ניט פלײשיג, ניט מילכיג, איז שמעון שרעקליך אין כּעס געװאָרן אונ האָט אַ געשרײא געטהון: װאָס איז דאס פאַר אַ מין געריכט? איך קאן אַזױנס ניט עסען!

— זעה נור דעם גרויסען גראף, האָט דאס װײבּ זיך אָבגערופען, דער אַנדערער װאָלט באמת מײנען: ער איז פון זײן געבוירן טאָג אויף מילך אונ פּוטער געהאָדעװעט געװאָרן, ער דערקענט שוין גאָר דעם אָרעמען מיטאָג ניט!... פּע, שאָמען מאָגסטו דיך אין דײן װײטען האַלז אַרײן, װי פערגעסט מען דאס אַזוי גיך? קײן פּאַדריאַד האָט דער רבונו של עולם זיך ניט אָנגענומען דיר צו צו שטעלן, װי לאַנג דאס ציגעלע האָט דאס ביסעל מילך געגעבּען האָבּ איך דיר ניט געזשאַליװעט, איך האָבּ זיך ניט פערגונען; אָבער דיר מיט די קינדער האָט, דאַנקען גאָט, ניט געפעהלט; איצט אַז זי איז חולה

און ניט מעהר קיין מילך ניט. וואו זאל איך דיר נעהמען? דאנק גאט פאר קרופניק און פאר ברויט וואס אונז פעהלט ניט!

– איך וועל געהן צו זלאטקען! האט שמעון א עצה געגעבען. איך דארף איהר נור דערצעהלען אז אונזער ציעג, זאל געזונד זיין, גיט קיין מילך ניט. וועט זי שוין ארויינ־שיקען, זיא האט ברוך השם גענוג, וואס ביי איהר בלייבט איבער וועט אונז גענוג זיין!

– זאל דיר אסור זיין, הערסטו שמעון, וואס איך זאג דיר?! איך וויל ניט דו זאלסט גאר א דרך ווייזען אז דו פערלאנגסט עפיס פון איהר! זי איז א מאמע געוואהרן אויף שטיפקינדער, זאל די באזע שעה ורגע ניט זיין, אז זיי וועלן דערזעהן אז זי גיט דיר נור איין גלאזעל מילך, וועלן זיי אויסטראכטען אז זי גיט דיר איבער איהר מאגנס האב און גוטס. א מאנספערשוין איז טאקי א בהמה, ניט צוגעקומען זאל עס ווערן! ווי קומסטו צו וויסען ווי א אשה מאכט זיך א גוטע מערכה פאר איהר מאן? זאל זי עסען און טרינקען און לעבען אין כל טוב. ביזטו א געטרייער פאטער, דארף דיר א הנאה טהון פון ווייטען. נישקשה, מיר האבען אבגעלעבט, ברוך השם, מעהר ויא א העלפט יאהרן און גאט האט אונז געשפייזט, ער וועט אונז ווייטער מסתמא אויך שפייזען אהן מיין קינד! און אז עס פעהלט אמאל אויף דאס און יענס, טא איז וואס? בעסער פון זיין האנד א ביטערע בלאט איידער פון מענשענס האנד א זיסע!... ווערט איז מיר ניט, א נארישע טויב האט דאס יוא געוואוסט און א איד א למדן ווייס עס ניט און וויל געניסען פון קינדער!

שימעלע האט אויסגעהערט זיין ווייבס מוסר און ניט געהאט וואס צו ענטווערן, מיט כעס האט ער דעם ארעמען קרופניק אויסגעזופט און מיט א שווערן זיפץ האט ער געבענשט. ער האט איינגעזעהן, אז נאך אלע גליקען איז ער דער איינעגער קבצן ווי געוועזען, און האט ר' פנחס'לען א בריוועל אויפגעשריבען און איהם מגלה געוועזען זיין צער, וואס זיין ציעג איז געביך חולה. ער האט געבעטען, אז דער רבי זאל לעבען זאל זי און איהם אין זינען האבען און תאטש א קרעכץ טהון, זי זאל טאקי געזונד ווערן און איהם זאל ווייטער דאס ביסעל מילך ניט פעהלן. נור ביז פון רבי'ן איז דיא ישועה געקומען האט ער געחושכ'ט דריי טאג און איז אין כעס געוועזען אויף טיטוס הרשע וואס האט דעם בית המקדש פערברענט און האט אזעלכע פינסטערע ניין טאג געלאזען אבצוקומען אין זיא מיט אבגעקאכטע קארטאפלעס אין א פאלען טאפ גרויפען מיט וואסער.

טיטוס הרשע, ימח שמו, פלעגט ער זאגען, איז טאקי געוועזען א גרויסער צורר, קיין תקומה זאל ער ניט האבען! איהם איז נאך ווענינ געוועזען וואס ער האט דאס היילינ שטאדט ירושלים חרוב ומוחרב געמאכט האט ער נאך דעם בית המקדש פערברענט און געלאזען א בכיה לדורות. לא די וואס ער האט מיר מקפח פרנסה געוועזען און אין די גאנצע דריי וואכען האב איך איין שדוך ניט אויסגעפיהרט, האט ער נאך אנגעמאכט ניין מרה שחורה טאג און איך דארף אבקומען מיט קרופניק פאראנוען און דיא נשמה געהט מיר פשוט אויס פון פערשמאכטקייט! פאר איהם איז ווענינ באמונות, דער פסק, וואס די גמרא האט איהם ארויסגעגעבען: וואס מען פער־ברענט איהם אלע טאג און מען צושפרייט זיין אש אויף שבעה ימים, איך וואלט

איהם אַ בעסערן פסק געגעבען: ער זאל טאקי לעבען אין זיין אַ מלמד און אַ שדכן, אַ קבצן כל ימיו; אַללע טאג פון אַ גאַנץ יאהר זאללען בײ איהם נור נײן טאג זײן, ער זאל האבען אַ אײגענע ציעג און זי זאל חולה זײן און קײן רבי און קײן טאטער זאל זי ניט העלפען, אָט װעלן איהם זײנע כחות ביסלעכװײז אויסגעהען פון די װאַסערדיגע קרופניקעס און ער װעט קײן כח האבען די פיס זײנע צו שלעפען פונקט װי איך איצט.

פונדעסטװעגען פלעגט ער בשתיקה, דאס װײב זײנס זאל ניט װיסען, זיך אַ מאל אַרײנכאַפען צו זײן טאַטע און אָבעסען אַ מילכיגען װאַרימעס מיט קרעפלעך, אָדער אַזױ אַ רעצקענע קאַשע מיט אַ סך מילך און האט זײן כעס אויף טיטוס הרשע אויסגעלאָזען נור אין דערהײם אויף זײן װײב. אויך בײ חײעלען איז ער אין די נײן טאג אַ אָפּטער גאַסט געװעזן און דא האט ער זײן מאגען גאר ניט קײלע געמאַכט. חײעלע האט מיט אײלענעש צוגעגרײט צו דער חתונה און דיא קיך האט געקאָכט און געפּרעגעלט פון כל טוב. שימעלע האט אַזעלכע זאַטע נײן טאג אין זײן לעבען ניט געהאַט. אויך זײן אויג איז זאַט געװעזן און דאס הערץ איז פול געװארן צו צוזעהן װי מען ריכט זיך אויף דער חתונה, װאו ער װעט געװיס זײן אַ מחותן און נאך דער חתונה װעט מסתמא ר' העניך זײן הבטחה מקיים זײן און איהם אַרײנשיקען אַ טהײערע קוה. „אַ כלל, איך לעג צו די נײן טאג גאר ניט צו!" האט ער צו זיך גערעדט. דעם רבינ'ס זאל לעבען ברכה איז אַ ברכה אפילו אין נײן טאג אויך!"

רחעלע פון איהר זײט האט אַ מאל דער מוטער אָפּען און קורץ געזאגט: „אומזיסט, מאַמע, גרײטסטו צו צו דער חתונה, מען װעט מיך איבערגעװאַלד צו דער חופה ניט פיהרן!". דארויף האט חײעלע געאַנטװערט: „איך בין מחויב צו טהון דאס מײניגע. איבריגענס װעלן מיר זעהן: צו װעט גאט דעם לעבעדיגענס רצון אויסגעפיהרט װערן, אָדער דער װילען פון דײן טרוף װאס זיצט אין דיר...."

תשעה באב נאך קינות האט איהר פײגע צו ליעב געטהון און איז מיט איהר טהײער רחעל'ען אויפ'ן בית עולם געגאַנגען זיך אויסװײנען. נעבען זײדענס קבר, רעכטס איז דער קבר געװעזן פון משה'לעס פאטער, לינקס — איז נאך אַ לײדיגער פּלאַטץ געבליבען. דעם פּלאַטץ האט ר' לײזער באַלד נאך זײן פאטערס טוידט בײא חברה קדישא אָבגעקויפט פאר זיך. רחעל'ען איז גענוג געװעזן אַ קוק צו טהון אויף דאס לעדיגע געבליבען שטיקעל ערד זי זאל יענעם עלענדען קבר דערמאַנען װאו איהר ליעבער פאטער רוהט איצט װײט פון איהר. דאס הערץ איז איהר אַזױ פערקלעמט געװארן אַז זי האט אַװאַרט ניט געקאַנט אויסרעדען. זי האט נור צוגעשפּאַרט איהר צאַרטען שטערן צו דער מצבה און איהרע טהרערן האבען שטיל און שטום װי פון אַ קװאַל זיך געגאָסען. פײגע האט װי פון אַ מענה לשון אויף אַהײזעריגען קול געטענה'ט. „ר' אַברהם, גוטער בעל הבית!" האט זי אָנגעהויבען, „האט ניט פאַראיבעל, װאס אײער דינסט פײגע קלאַפּט אָן אויף אײער קבר, אײך אײער הײליגע רוה הײנט צו שטערן, ניט פאר זיך בעט די דינסט אײערע, נור פאר די ליעבע ענ'קלעך אײערע, װעלכע איהר האט אויף איהרע האנדט נאך ניט דערהאָדעװעטע געלאָזען. זעהט צו הײנט פון אײער הײליגער רוה דאס עלענד פון די יונגע יתומים'לעך, װעלכע האבען אָהן אַ צײט זײער גוטען פאטער פערלאָרען. די עלענדע פויגעלעך נעביך. װאס אַ שטורם װינד האט זײער

מעהר האט זיא א ווארט ניט געקאנט אויסרעדען אונ אנגעשפארט איהר צארטען שטערן צו איהר זיידענס קאלטען מצבה שטיין, איז זיא שטום אונ פערקלעמט געשטאנען. נור די טהרערן האבען געגאסען אונ אנגעטרענקט דיא בלימעלעך וועלכע וואכסען אויף דעם ליעבען קבר. פייגע אבער האט ניט געשוויגען, זיא האט א גאנצען מענה לשון אויסוועניג אויסגעטענה'ט, זיא האט דעם זיידען, דא פון זיין רוה געוועקט אונ צום פאטער פון ווייטען גערופען: ער זאל אויך צואיילען אונ פאר זיין גוט קינד רחלען אונ פאר זיינע קליינע יתומים'לעך גאט בעטען.

— שטעה אויף מיין טאכטער, האט פייגע געבעטען, אז זי האט אבגעטענה'ט אונ דערזעהן ווי רחל'ע האלט נאך די מצבה פעסט ארומגענומען, גענוג, דיינע טהרערן האבען גענוג געטענה'ט פאר דיר, נאט פערשטעהט זיי, ער ווייס פון וועלכע אויגען אונ פון וואס פאר אריינעם צובראכענעם הערצען זיי קומען... גענוג, לאס מיר די טויטע אין זייער היילינגער רוהע לאזען, היינט איז ביי זיי יום טוב אונ עס איז גאר ניט רעכט פאר זיי אזוי פיעל צו וויינען היינט; נור דאס הארץ טהוט וועה אונ דער זינדינגער מענש קאן זיינע טהרערן ניט איינהאלטען ווען זיי גיסען זיך פון די פיין וואס ער טראגט אין זיך. אמת האב איך אויך דעם זיידענס רוהע געשטערט אונ ער וועט אונז מוחל זיין!

— א, פייגע טהייערע, האט רחל'ע חליפענדיג קוים ארויס גערעדט, קוקט אייך צו אויף דאס שטיקעל פלאטץ, אט דאס האט דער געטרייער פאטער מיינער נאך אין זיין לעבען פאר זיך בעשטימט, געבען זיין טרייען פאטער צו קבר ישראל צו קומען, גאט האט איהם א אנדער ארט אנגעוויזען אונ חייט, ווייט פון זיינע קינדער ליגט ער איצט! אויף יעדען קבר קומט א קינד, א קרוב אין היינטיגען טאג, נור זיין קבר איז עלענד, קיינער קומט ניט צו איהם, קיינער בעגיסט ניט דיא טרויעריגע בלימעלעך וואס וואקסען אויף זיין בערגעל מיט א הייסען טהרער!... רופט מיך ניט אהיים! דא איז מיין היים, מיין זיידע איז מיר ביז זיין לעצטען טאג טריי אונ גוט געוועזען... דארט, אין מיין טאטענס שטוב זענען מיר די וואנד צו ענג, מיין מוטערס הערץ איז קאלטער צו מיר אלס דיזער מצבה שטיין, אונ מיין פעטער העלפט צו. חאטש ניט מיט זיין ווילען, מיר א יונגען קבר גראבען. א, ווען וועט זיך די גאלדענע טהיר דא פאר מיר אפענען! איך זאל שוין קיינמאל ניט דארפען פון דאנען צוריק געהן!

אהערצו וועלן מיר אלע קומען, האט פייגע ערקלארט. קוק זיך צו אויף די אלע לעבעדיגע וואס האבען זיך פערזאמעלט אונ געהן צום געזונדטע אונ פרישע אויף די קברים דא. עס וועט קומען א טאג אונ די וואס געהן נאך איצט אויבען וועלן אויך דא אונטען ליגען; אבער אלץ מוז א צייט, א שעה האבען! די טהויערן דא עפענען זיך נור פאר די געבעטענע גאסט... מען מוז געבעטען זיין, מען מוז זיך אויספוטצען פריהער אויף דעם גרויסען באל צו קומען... וועה צו יענעם וואס קומט א ניט גערופענער אונ איז ניט צוגעגרייט. וואויל אונ גוט איז אבער צו יענער נשמה וואס האט די גאנצע צייט פון לעבען געהאלטען אין צוגרייטען זיך. אין צירונג אנקויפען אונ אז מען רופט זי קאן זי געהן מיט שמחה! תשובה, מעשים טובים, זענען אונזערע צירונג, אונזערע פערל אונ בריליאנטען פון דער אמת'ר וועלט. קויף זיך, מיין טאכטער אט די טהייערע צירונג. גאט לאזט דיך לעבען, דו קאנסט נאך פיעל גוטס טהון.

פיעל מצוות און מעשים טובים דיר אָנקלויבען, ביז הונדערט און צוואנציג יאהר וועסטו נאך דעם אָרט ניט פערשפּאַטיגען, און דאַמאָלס וועלן דיינע מעשים טובים ווי גוטע מליצים דיר ענטגעגען קומען און פאַר דיר אַ וואַהרע מאַכען דיך אין גן עדן צו זעטצען צווישען דיא היילינע נשמות פון דיין טאַטען און פון דיין זיידען. זייער זכות זאָל דיר ביישטעהן ביז הונדערט און צוואַנציג יאהר!...

אַראָבגעהענדיג פון בית עולם, האָבען זיי געזעהן ווי מען האָט ערשט אַ פרישען בר־מנן געבראַכט. דיא אַלטע פיגע, וועלכע איז אין חברה קדישא איינגעשריבען געוועזען פאַר אַ שמשטע האָט זעלטען צייט און געלעגענהייט געהאַט זיך מתעסק צו זיין אַרום אַ טויטען. אַז די שמשטעס האָבען איהר געזאָגט וועמען מען האָט איצט געבראַכט און האָבען זי געבעטען בלייבען ביז נאָך דער טהרה, האָט זי איהרע שמערצען פערגעסען און איז געבליבען דאָ זיך מתעסק זיין. זי האָט רחלען געבעטען אַהיים געהן, אָבער רחלע, וועלכע האָט די געשטאָרבענע געקענט, האָט געוואָלט צוזעהן דעם גאַנצען טרויעריגען פּראָצעס. און זי האָט געזעהן ווי מען האָט אַ יונג ווייבעל — וואָס איז פון אַ קינפּעט געשטאָרבען — מטהר געוועזען, אָנגעטהון אין דיא ווייסע תכריכים. זי האָט אויך געהערט וויא מען האָט זי מחילה געבעטען פאַר איהר מאַן, פאַר איהרע קינדער, פאַר אַלע קרובים און בעקענטע, וויא מען האָט איהר אָבגעזאָגט פון אַלע חברות, אין וועלכע זי איז אין איהר לעבען פערשריבען געוועזען, און זי האָט געזעהן ווי מען האָט זי אין קבר אַראָבגעלאָזען און איהר אָנגעזאָגט דריי מאָל: זי זאָל געדענקען און ניט פערגעסען אַז זי איז געשטאָרבען... זי האָט זי אין איהר פּנים געזעהן שוין אין קבר ליגענדיג, דערנאָך האָט מען שאַרבליך אויף איהרע אויגען און מויל אַרויפגעלעגט. איבער איהר אַ ברעט אַריבערגעדעקט און דער שמש האָט זיך מיט ביידע פיס אויפ'ן ברעט אַוועקגעשטעלט און האָט געהייסען שיטען. מען האָט עטליכע לאָפּעטעס ערד אַרויפגעשאָטען, דער שמש איז פון קבר אַרויס און אין אַ פּאָר מינוט איז דער קבר פול געוואָרען. אַלע האָבען די לאָפּעטעס אַוועק געלעגט, זיך אָבגעצויגען עטליכע טריט צוריק, און שטיל מיט שרעק עפּיס געזאָגט און אָבגעוואַרט, ווי דאָרט אין קבר וואָלט אין דער מינוט וואָס איבערנאַטירליכעס פאָרגעגאַנגען: מען האָט ווידער געשאָטען ביז דאָס בערגעל איז פול געוואָרען און אַ אַלטער יוד, אַ פאָטער פון דער געשטאָרבענער האָט דעם ערשטען קדיש געזאָגט. דאָס אַלץ האָט רחלע צוגעזעהן און האָט גיכער פערגעסען, אַז זי לעבט אַלס יענע האָט געדענקט אַז זי איז געשטאָרבען.

— קום, מיין טאָכטער, אַ היים! האָט פייגע זי אָנגעהמענדיג פאַרן האַנד געזאָגט. איך פיהל מיך קראַנק און שוואַך. דיין פּנים, מיין ליב קינד, איז אויך בלאַס, קום, געננוג זיך דאָ אויסגעוויינט. געננוג זיך דאָ אָנגעזעהן היינטיגען טאָג!....אַהיים געהענדיג האָט רחלע געזאָגט:

— איך האָב געזעהן פייגע, וואו דער הימעל מיט דער ערד בעגעגענען זיך. איך האָב דעם סוף פון ד ע ר וועלט און דעם אָנהייב פון י ע נ ע ר וועלט איצט געזעהן, טרויעריג און שרעקליך איז דער איבערגאַנג!... אַך און דעם איבערגאַנג קאָן קיינער ניט אויסמיידען, און אויך מיך וועט מען אַזוי אין ענגע קבר אַראָפּלאָזען — שרעקליך

אִיז דָאס לֶעבֶּען, נָאךְ שְׁרֶעקְלִיכֶער אָבֶּער אִיז דֶער טוֹיט!...

— נָאר נִיט אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ, ווִי דוּ מֵיינְסְט! הָאט פֵייגֶע קְרֶאכְצֶענְדִיג עֶרְקְלֶערְט פַאר אוּנְזֶער לֶעבֶּעדִיג אוֹיג אִיז דָאס אַ עֶנְגֶער קֶבֶר, אַ טִיפֶע אוּנ אַ קַאלְטֶע גְרוּבּ; פַאר דֶעם טוֹיטֶען אָבֶּער, וָואס קוּמְט מִיט אַ נִיט בֶּעפְלֶעקְטֶען נוּף אַהִין ווֶערְט עֶס ווִי אַ פַּאלַאסְט בְּרֵייט אוּנ גֶערוֹים!... „אִין מִיטֶען וֶועג אִיז פֵייגֶען זֶעהר נִיט גוּט גֶעוָוארֶען, אִיהר גֶעזִיכְט הָאט זִיךְ אִין גַאנְצֶען פֶערְאֶנְדֶערְט. רָחֶל'ע הָאט זִי אוּנְטֶער דִי הֶאנְדְט קוֹים צוּגֶעפִיהרְט בִּיז דֶער הֵיים. „זַיי רוּהִיג מַיין טָאכְטֶער!" הָאט זִי רָחֶל'ען גֶעבֶּעטֶען, קֵיין בֶּאז! אִיךְ וֶועל גֶעזוּנְד זַיין. אַ בִּיסֶעל הָאט מִיךְ דֶער תַּעֲנִית צוּגֶעדְרִיקְט, אַ בִּיסֶעל דִי הִיטְץ אוּנ אַבִּיסֶעל אָט דִי פְרֶאהלִיכֶע חֲתוּנָה, וָואס אִיךְ בִּין נוּר וָואס אַ מְחוּתֶּנֶת'טֶע גֶעוֶועזֶען. אִיךְ וֶועל אוֹיסְרוּהֶען וֶועל אִיךְ גֶעזוּנְד זַיין!

רָחֶל'ע הָאט נָאךְ גֶעעֶנְדִיגְט לֵייעֶנֶען חוּרְבַּן בֵּית הַמִקְדָּשׁ פוּן טַייטְשׁ חוּמֶשׁ. אַז זִי הָאט דִי אוֹיגֶען פוּן סֵפֶר אַרוֹיסְגֶענוּמֶען, הָאבֶּען זִיךְ טוֹיזֶענְדֶער טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעדַאנְקֶען אִין אִיהר קָאפּ גֶעמִישְׁט. דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט הָאט זִיךְ אִיהר פָארְגֶעשְׁטֶעלְט ווִי אַ פִינְסְטֶערֶער וַואלְד, דִי מֶענְשֶׁען זֶענֶען ווִילְדֶע אִין אִיהם, אָהן שֵׂכֶל אוּנ אָהן רַחֲמָנוּת טְהוּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן שְׁלֶעכְטְס, מֶען פֶערְגִיסְט בְּלוּט, מֶען גְרָאבְּט קְבָרִים. דֶער ווֵיינְט אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער פְרֶאהט זִיךְ אוּנ קֵיינֶער בֶּעקִימֶערְט זִיךְ נִיט ווִי דֶעם צְווֵייטֶען אִיז

„אוּנ דָאךְ ווִילְט זִיךְ דֶעם נַארִישֶׁען מֶענְשֶׁען לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ דָאס לֶעבֶּען אִיז אִיהם טְהַייעֶר! הָאט זִי פַאר זִיךְ אוֹיסְגֶערֶעדְט, נֵיין, נִיט, טְהַייעֶר אִיז דָאס לֶעבֶּען, אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען בִּיז זֵייעֶר לֶעצְטֶען טְרָאפֶּען בְּלוּט גֶעקֶאמְפְּפְט אוּנ זֶענֶען ווִי גִבּוֹרִים אוֹיף דִי מוֹיעֶרְן פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶער שְׁטָאדְט גֶעפַאלֶען, צִיוֹנְ'ס אֵיידֶעלֶע קִינְדֶער זֶעלְבְּסְט הָאבֶּען זִיךְ בֶּעסֶער טוֹיטֶען גֶעלָאזְט אֵיידֶער מִיט שַׁאנְדֶע זִיךְ פַאנְגֶען צוּ לָאזֶען. אָךְ, ווִי ווֵיינְט מַיין הֶערְץ אִין מִיר אִיצְט אוֹיף יֶענֶע לִיעבֶּע קִינְדֶער וֶועלְכֶע זֶענֶען אִין דִי גַאסֶען צוּטְרֶעטֶען גֶעוָוארְן אוּנְטֶער דִי פִּיס פוּן דִי טִירַאנִישֶׁע שׂוֹנְאִים אוּנ אוּנְטֶער זֵייעֶרֶע ווִילְדֶע פֶערְד! זֵיי הָאבֶּען פַאר גָאט, פַאר אוּנְזֶער אֱמוּנָה אוּנ הֵיילִיג לַאנְד זִיךְ גֶעלָאזְט טוֹיטֶען, אוּנ צוּטְרֶעטֶען, אוּנ דָארְט וואוּ זֵיי זֶענֶען אִיצְט וֶוערְן זֵיי בֶּעלָאהְנְט. פַאר וֶועמֶען אָבֶּער קֶאמְפְּפֶע אִיךְ? נוּר פַאר מַיין „אִיךְ!" טְרוֹיעֶרִיג אִיז דָאס, אָבֶּער פַאר וָואס בֶּעסֶערֶעס זִיךְ צוּ אָפְּפֶערְן הָאבּ אִיךְ נִיט!

יָא, עֶס אִיז גְרִינְג אַ קָרְבָּן צוּ זַיין פַאר אֱמוּנָה, פַאר אֱמֶת, פַאר אַ אֵייגֶען לַאנְד אוּנ פָאלְק. שְׁוֶוער אָבֶּער אִיז פַאר אַ קָרְבָּן צוּ פַאלֶען צוּ לִיעבּ אַ שֶׁקֶר, צוּ לִיעבּ עֶרְגֶעץ אַ ווִילֶען פוּן פַאלְשֶׁע מֶענְשֶׁען!...

אוּנ פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען גֶעהט מִיר יֶענְס לֶעדִיג שְׁטִיקֶעל עֶרְד פוּן זִינֶען נִיט אַרוֹיס... וֶועט דָארְט אַ מָאל נִיט מַיין אָרְט, מַיין אֵייבִּיגֶע רוּהֶע זַיין? ווִיפִיעל לֶעבְּט דֶען דֶער מֶענְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט? מוּזֶען אַלֶע אַלְט וֶוערְן? שְׁטַארְבֶּען אִין דֶער וֶועלְט וֶוענִיג יוּנְגֶע? אוּנ אַז מֶען לֶעבְּט נָאךְ אוּנ נָאךְ וֶוערְט מֶען דֶען זַאט מִיט לֶעבֶּען? אָ, אִיךְ בִּין מְקַנֵא יֶענֶע הֵיילִיגֶע טֶאכְטֶער פוּן צִיוֹן, וֶועלְכֶע זֶענֶען פַאר זֵייעֶר כָּבוֹד אוּנ לַאנְד שׁוֹין לַאנְג גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ נָאךְ אִיצְט ווֵיינְט מֶען נָאךְ זֵיי — נָאךְ מִיר וֶועט נוּר מִשְׁה'לֶע אַלֵיין ווֵיינֶען... אָךְ, ווִי ווִיל אִיךְ נִיט שְׁטַארְבֶּען פְרִיהֶער פַאר אִיהם!

# ט.

פייגע האט אויף מארגען נאך תשעה באב ניט געקאנט מעהר פון בעט ארויס; רחל'ע איז צו איהר בעלד אין דער פריה אביינגעקומען פראגען: וואס מאכט זי. „מיר איז אלץ איינס, צו היינט צו מארגען! האט זי געענטווערט. גלייכער מיט ווענינער יסורים שטארבען, אײדער ליגען אסך און זיך אנמוטשען; אבער דו, מיין טאכטער, דארפסט מיך נאך, איך וויל דיר נאך דינגען אין דיין נויטה חאטש מיט מיינע לעצטע כחות. בעט גאט, ער זאל אויף מיינע פיס מיך האלטען ביז דו מיין קינד, וועסט דיר א טרייען פריינד, אדער חאטש א מבייע דינגסט געפינען, וואס זאל פאר דיר דאס טהון, וואס איך וואלט זיך קיינמאל פון דיין עטוועגען ניט אבגעזאגט!

— גאט זאל נור מיין בעטען צוהערן! האט רחל'ע מיט טהרערן אויסגערעדט.

— ער וועט דיך צוהערן, בעט איהם נור! ניט פיעל יאהרן וויל איך, נור ביז די מהומה אין שטוב וועט אריבער, איך מיין: די חתונה, די מחותנים, וואס קומען היינט מארגען, ביז דו, מיין טאכטער, וועסט דעם אמת'ן ווען אין א גוטער שעה געפינען וואו זיך צו ווענדען, אהין אדער אהער!... זאג מיר, וואס קלערסטו? איך וויל אויף מיין קראנקער בעט האטש רוהיג זיין.

— איך האב נאך איין מיטעל אנצווענדען, האט רחל'ע געזאגט, איך וויל דעם חתן זעהן, איז ער ווירקליך אזא קלוגער ווי מען לויבט איהם, וועל איך איהם אפען ערקלערן, איך קאן זיין כלה ניט זיין, איהר וועט זעהן פייגע, ער וועט די תנאים צוריק אבגעבען, א, ווי וועל איך איהם דאנקען פאר דער טובה!

— אין מיינע יונגע יאהרן האט מען ניט געהערט, אז א כלה זאל אליין א העזה האבען דעם חתן אין די אויגען צו זאגען, אז זי וויל זיין כלה ניט זיין. האט פייגע מיט א שווערן זיפץ אויסגערעדט, אין היינטיגע צייטען הערט מען עס אויך נור ביי פערשייטע לייט; דו מיין טאכטער, ביזט דאך אבער ניט קיין פערשייטע, פון וואנען וועט זיך אין דיר אזא העזה נעהמען? איך בעט גאט דו זאלסט ניט זינדיג זיין מיט דער מחשבה, וואס פאסט ניט פאר א יודישער טאכטער. זאל איהם בעסער אַ אנדערע זאגען, איך וויל דיך ניט דערלאזען צו אזא פערשייטקייט. ר' לייזער'ס א טאכטער, ר' אברהם'ס אַ עניקעל, וועה צו מיינע יאהרן!....

— פייגע, דער וואס טרענקט זיך, חאפט זיך האטש פאר א שארף פון א שווערד, כל זמן ער האפט נאך פון וואסער זיך ארויס צו האפען! האט רחל'ע ערקלערט, מיר וועט עס ניט אזוי גרינג זיין. גלויבט מיר, איך וואלט איהם ליבערשט מיין גאנצען נדן מוחל זיין און ניט דארפען מיט איהם א איינציג ווארט רעדען. גיט מיר א אנדער עצה, וואס דען זאל איך טהון? וועט בעסער זיין, אז איך וועל צו דער חופה ניט וועלן געהן, בעת כלי־זמר וועלן שפילען און דער חתן וועט אויפ'ן שולהויף אונטער דער חופה ווארטען אויף מיר? איינס פון די ביידע, פייגע: אדער מען וועט מיך א מינוט פאר דער חופה א טויטע געפינען, אדער מען וועט מיך איבערגעוואלד צו דער חופה פיהרן. א, די שאנדע וויל איך בעסער ניט דערלעבען!....

— שלעכט, מיין קינד, וואס איך קאן מיך אויף מיינע פיס ניט שטעלן! האט די

פֿאַלְטֶע אוֹיסְגֶעקְרֶעכְצְט, אִיךְ וואָלְט אִיצְט נִיט אָבְּטְרֶעטֶען פוּן דִיר אֵיין טְרִיט. אִיךְ הָאבּ זֶעהר מוֹרָא אוּנ אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אוֹיבּ דוּ ווִילְסְט אִיךְ זָאל שְׁטַארְבֶּען רוּהִיג, אִיךְ זָאל אַהִין מִיט קֵיין בֶּעפְלֶעקְטֶער נְשָׁמָה נִיט קוּמֶען, שְׁווֶאר מִיר, אַז דוּ וֶועסְט אָהן מַיין ווִיסֶען נָאר נִישְׁט טְהוּן, דוּ הָאסְט קֵיין סוֹדוֹת וָואס פֵייגֶע דַארְף נִיט ווִיסֶען. רֶעד מִיט דַיין חָתָן, זָאג אִיהם וָואס דוּ ווִילְסְט; נוּר דַיין אֵייגֶען הַאנְד זָאלְסְטוּ חָלִילָה אוֹיף דַיין לֶעבֶּען נִיט אַרוֹיפְלֶעגֶען! ... רָחֶלֶ'ע הָאט גֶעשְׁוָואָרן ווִי פֵייגֶע הָאט פֶערְלַאנְגְט אוּנ אִיז בַּיי אִיהר זִיטְצֶען גֶעבְּלִיבֶּען דֶעם גַאנְצֶען טָאג. זִי הָאט אוֹיךְ דֶעם דָאקְטָאר גֶעלָאזְט בְּרֶענְגֶען, עֶר הָאט פֶערְשְׁרִיבֶּען אַרְצְנֶעפְט, גֶענוּמֶען אַרוּבֶּעל אוּנ אִיז אַוֶועק אַהֵיים. חַייֶעלֶע אִיז אוֹיךְ אַרַיינְגֶעקוּמֶען גֶעווָאָהר וֶוערן, אוּנ הָאט מִיט אַ פְרַיינְדְלִיכֶען שְׁמֵייכֶעלֶע גֶעזָאגְט: זֶעהט גֶעזוּנְד צוּ וֶוערן פֵייגֶע פֶערְשְׁטֶערְט מַיין שִׂמְחָה נִיט, אִיךְ הָאבּ אַ יְדִיעָה גֶעהַאט אַז דִי מְחוּתָּנִים מִיט דֶעם חָתָן זֶענֶען שׁוֹין אַרוֹיס גֶעפָאהרן. מָארְגֶען פְרִיה וֶועלֶן זֵיי אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה אָנְקוּמֶען; וֶוערְט גֶעזוּנְד פֵייגֶע, וֶועט אִיהר טַאנְצֶען אוֹיף אַייעֶר רָחֶלֶ'עס חֲתוּנָה, זִי אִיז דָאךְ אַייעֶרֶע מֶעהר ווִי מַיינֶע, גֶעדֶענְקְט אִיהר, אַז אִיהר הָאט זִי בַּיי מִיר אָבְּגֶעקוֹיפְט, בְּעֵת זִי אִיז נָאךְ דְרַיי חֳדָשִׁים אַלְט גֶעוֶועזֶען אוּנ נִיט אִיצְט גֶעדַאכְט, קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען. אִיךְ גֶעדֶענְק נִיט ווִיפִיעל הָאט אִיהר מִיר בֶּעצָאהלְט פַאר אִיהר?

— מַיין רָחֶלֶ'ע, מַיינֶע אִיז זִי אוּנ וֶועט זַיין מַיינֶע! הָאט פֵייגֶע גֶעאֶנְטְווֶערְט. הַלְוַאי וָואלְט אִיךְ גֶעהַאט אוֹיף אִיהר אַ דֵעָה צוּ זָאגֶען ווִי אוֹיף מַיינְס אַ קִינְד, ווִי עֶס ווָאלְט אִיצְט גָאר אַנְדֶערְשׁ גֶעוֶועזֶען!

— אַייךְ גֶעפֶאלְט אוֹיךְ נִיט? הָאט חַייֶעלֶע מִיט אַ כַּעַס זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאפְּט, אִיךְ פְרֶעג בַּיי אַייךְ נִיט, נִישְׁקָשֶׁה, דִי גַאנְצֶע וֶועלְט גִיט מִיר גֶערֶעכְט, אוֹיבּ אִיהר ווִילְט מִיךְ אִין כַּעַס נִיט אַרַיינְבְּרֶענְגֶען זָאל אִיךְ עֶס נָאךְ אַמָאל פוּן אַייךְ נִיט הֶערֶען!

פַאר נַאכְט אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג אִיז מֶען גֶעקוּמֶען אָנְזָאגֶען: דִי מְחוּתָּנִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנ זֶענֶען פֶערְפָאהרן צוּם פֶעטֶער ר׳ שְׁלֹמֶה'ן.

הָאטְשׁ חַייֶעלֶע הָאט זִיךְ אוֹיף זֵיי פוּן פַאר תִּשְׁעָה בְּאָב שׁוֹין גֶערִיכְט, אוּנ אַלֶעס אִיז שׁוֹין גְרֵייט אוּנ פַארְטִיג גֶעוֶועזֶען, הָאטְשׁ הַיינְט דִי חֲתוּנָה צוּ מַאכֶען, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז אִין שְׁטוּבּ גֶעוָוארן אַ טְרֶעוָואגָא, מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּגְרֵייטֶען אוּנ צוּפוּטְצֶען פוּן דָאס נַיי, אוּנ אַז חַייֶעלֶע אִיז שׁוֹין אִיבֶּערְצַיינְט גֶעוֶועזֶן אַז אַלֶעס אִיז אַזוֹי ווִיא גֶעווּנְשֶׁען אִיז זִיא אַאוֹיסְגֶעפּוּטְצְטֶע אַוֶועק צוּ ר׳ שְׁלֹמֶה'ן מְקַבֵּל פָּנִים זַיין אִיהרֶע מְחוּתָּנִים. זִיא הָאט זִיךְ מִיט דֶער מְחוּתֶּנֶת'טֶע צוּקוּשְׁט אוּנ אִיז הֶעכְסְט צוּפְרִידֶען אוּנ גְלִיקְלִיךְ גֶעוֶועזֶען אַז מֶען הָאט אִיהר רָחֶלֶ'עס חָתָן פָארְגֶעשְׁטֶעלְט. אַ יוּנְגֶער בָּחוּר, הוֹיךְ ווִיא אַ רִיז, שְׁטַארְק אוּנ גֶעזוּנְד, אַנְשְׁטֶענְדִיג גֶעקְלֵיידֶעט, אוּנ עֶר אִיז אִיהר פוּן רֶעדֶען נָאךְ מֶעהר גֶעפֶאלֶען.

— וָואס זָאגְט אִיהר ר׳ שְׁלֹמֶה, אוֹיף דֶעם חָתָן? הָאט זִיא גֶעפְרֶעגְט, גֶעפֶעלְט עֶר אַייךְ?

— קֵיין מוּפְלָג אִיז עֶר נִיט, הָאט ר׳ שְׁלֹמה ווִיא מִיט פֶערְדְרוּס גֶעאֶנְטְווֶערְט, אַ טַאטֶעְנְס אַ קִינְד, אִין הֲוָיוֹת הָעוֹלָם, וַוייזְט עֶר אוֹיס: קֵיין נַארר צוּ זַיין.

— וֶוער דַארְף זַיין תּוֹרָה? הָאט חַייֶעלֶע אַ זָאג גֶעטְהוּן, אִיהר זֶעהט דָאךְ וָואס

פון דיא גרויסע לומדים לאזט זיך אויס! ווידער, האט דענן דיא תורה א גרונד? מיר װעט קיין תורה ברוך השם, ניט פעהלן.

– דיין קינד וועט אבער פעהלן! האט ר' שלמה איינגעוויזען.

– געפעלט ער אייך ניט? האט זיא קורץ אפרעג געגעבען.

– חלילה, ווער רעדט פון ניט געפאלן? האט ער זיך פערענטווערט, נאט זאל איהם נור זיין חן אין איהרע אויגען געבען, מיר געפעלט ער אסך מעהר וויא איך האב מיר פארגעשטעלט. איך האב געמיינט: ער טוז זיין א בעל מום, אז ניט וואלט זיין פאטער זיך אזוי שטארק ניט געהאלטען פאר דעם שדוך, נאט צו דאנקען, ער האט הענדט אונ פיס. א נאז אונ אויגען ווי אלע מענשען אונ באמת וואס וויל מען? די תורה האט טאקי ווי דער ים קיין ברעג אונ קיין גרונד ניט, מיר געפאלט ער חייעלע, זאל גאט געבען מיט מזל אונ ברכה!

– אז איהר וואלט מיר פאלגען שוואגער, האט חייעלע געזאגט, זאל מען שוין ארעד מאכען מיט דעם מחותן מכח קויפען דאס הויז. מען מאג רעדען, רחל'ע וועט צופרידען זיין; די גלייכסטע זאך איז געוועזען, וואס מיר האבען געטהון דאס אונזעריגע ניט געפרעגט ביי איהר, בנאמנות, שוואר איך אייך, אז זי איז אליין אויך צופרידען אז מען פרעגט זי ניט, איהר שטעהט ניט אן איהר עקשנות נאכצוגעבען; אבער זי וויל מען זאל די חתונה אבשפילען אונ עס זאל הייסען: מיר האבען עס אהן איהר ווילען געטהון, איצט האט זי זיך ווידער אנגעטהון, זי וויל פון דעסטוועגען איהר חתן געפאלן... געוואלד, איך קען זי בעסער, אין בין אליין אויך א מאל א מאדעל געוועזען אונ קען מיין קינד ווי איך קען זיך!...

– זאל זי זעהן פריהער דעם חתן, מיט דעם מחותן וועלן מיר רעדען, ער מוז זיין צופרידען, אז ניט וואלט ער ניט געקומען אזוי צוגעגרייט צו דער חתונה, אפשר צוואנציג קארב אונ קאסטענס פולע האט ער מיטגעבראכט, ער האט מיר געזאגט: עס איז אסברא: אז ר' זלמנקע דעם רבינס מיט זיין שוועסטער גיטעלען וועלן אויך זיין אויף דער חתונה, ר' פנחס'ל וועט בודאי קומען.

אין א פאר שעה ארום זענען די מחותנים מיט דעם חתן צו חייעלען געקומען. רחל'ע האט זיך פון איהר מחותנתטע געלאזט קושען אונ האלזען. ר' העניך האט זיך געפרעגעלט פון נחת, אז ער האט דערזעהן ווי זיין אשת חיל איז צופרידען פון דער כלה אויף וועלכע ער איז דער מבין געוועזן. חייעלע האט אויך אנגעקוואלען קוקענדיג, ווי עס געהט אלץ בעסער ווי געוואונשען. דער חתן האט מיט דער כלה גערעדט אונ זי האט איהם קלוג אונ מונטער אויף אלץ געאנטווערט. ר' שלמה איז צוגעגאנגען צו איהר אונ געפרעגט:

– וואס זאגסטו איצט, מיין טאכטער? דיין פעטער איז דיר נאך אלץ א זא דם שונא ווי דו האסט געמיינט?

– איין בקשה האב איך נאך, האט זיא געאנטווערט, איך וויל זיך דורך רעדען מיט איהם, זאל ער מיך אויך קענען, טאמיר וועל איך איהם גאר ניט געפעלען?

– אדרבה, איך געהם שוין דיא מחותנים צו זיך אונ לאז דיך דא אליין מיט איהם. רעד נור קיין נארעשקייט, פערלאנג פון איהם קיין הויכע חקירות. קוק נאר

אויף זיין שׂכל, אַ מענש וואס האט שׂכל קאן אַלץ קענען, און אַז ער וועט דיך ליעב האבען וועסטו איהם שפּעטער קאָנען צוּלערנען דאס וואס קומט בּיי דיר אויס אַז איהם פעהלט עס נאך. די כּהוּתנים האבען טהיי אָבגעטרונקען און אַוועק אַהיים. אַז זי איז מיט איהר חתן אַליין געבּליבען האט זי אַנגעפאנגען מיט איהם גערעדט פון פערשידענע זאכען. ער האט איהר אויף אַלץ קלוג געאַנטווערט און זי האט געמיינט: מען קאן מיט איהם אויך ערענסט רעדען.

— ניט געהמט פאראונגוּט. וואס איך ערלויב מיר אייך צוּ פרעגען, האט זי געזאגט אויסהערענדיג זיינע אויפגעקלערטקייט און פריע געדאנקען וועלכע ער האט דא פאר איהר אויסגעשאטען. צוּ וואס לערנט מען אַט די אַלע זאכען? מיט וואס איז דער געבּילדעטער בּעסער פאר דעם ניט געבּילדעטען?

— איהר פרעגט מיך ווי מען פרעגט אַ קינד. האט ער מיט אַ פריינדליך שמייכעלע געאַנטווערט. דער אונטערשיד פון געבּילדעטען צוּם ניט געבּילדעטען איז דער זעלבּער אונטערשיד וואס איז צווישען טאג און נאכט.

— אַזוי זאגט דיא וועלט, האט זי מסכּים געווען. אמת, דעם געבּילדעטען איז ליכטיג, אָבער אַז איהם איז ליכטיג איז נוּר איהם גוּט; וואס אָבער האט דיא וועלט פון איהם? איז ניט בּעסער אַז מען איז ווייניג געבּילדעט און מען איז גוּט צוּם צווייטען ווי צוּ זיך זעלבּסט?

— געוויס, פריילין, האט ער מיט פרייד געאַנטווערט, דער ניט געבּילדעטער ווייס אָבער גאָר ניט וואו גוּטס איז נויטהיג און ווי גוּטס צוּ טהון, דער געבּילדעטער ווייס, דאריבּער איז זיין גוּטס מיט נוּטצען.

— זעהר רעכט! זאגט־זשע מיר, ווי וואָלט אייך אייער בּילדוּנג הייסען טהון, ווען אייערע עלטערן וואָלטען אייך צווינגען יעטצט הייראטהען מיט אַזאַ כּלה וועלכע איז אייך ניט ליעב?

— איך וואָלט בּשום אופן ניט וועלן!

— אָבער, אַז די כּלה, למשל: וואָלט אייך וועלן און זיין פערליבּט אין אייך?

— ווען איך וואָלט אין איהרע ליעבע ניט שוּלדיג זיין, וואָלט איך נוּר בּהמנות האבען אויף איהר, אָבער געגען מיין ווילען מיט איהר ניט הייראטהען!

— נוּ, און אַז דער פאל וואָלט זיין פערקעהרט? האט זיא געפרעגט און האט איהרע אויגען אויפגעהויבען אַ קוּק צוּ טהון ווי דיזע פראגע האט אויף איהם געווירקט.

— דאס הייסט? האט ער בּעשעמט אויסגערעדט.

— דאס הייסט: ווען איהר וואָלט ליעב האבען אַזאַ, וועלכע האט דאס אוּנגליק אייך ניט ליעבען צוּ קאָנען, וואָלט איהר אַזוי שלעכט זיין צוּ וועלן זיא נויטהען זי זאל דווקא מיט אייך הייראטהען?

— דאן וואָלט איך ערשטענס פרעגען, האט ער געאַנטווערט, פאר וואס קאן זי מיך ניט ליבּען? אַלע מיינע פעהלער, וואָלט איך בּעטען, מיר אָפּען אויסזאָגען, איך וואָלט בּאלד זוכען זיי צוּ פערריכטען... זאגט, ליעבּע רחלע, געפינט איהר אַזאַ פעהלער אין מיר וואס איהר קאָנט מיך ווירקליך ניט ליעבען? איך ליעב אייך ווי מיין לעבען, זייט דעם מען האט מיר אייער פאטאגראפי בּעוויזען, יעטצט זעה איך אייך נאך מוינענד מאל

שֶׁאנֶער. וִוי זָאל אִיךְ אַייךְ נִיט לִיעבּ הָאבֶּען!?

— נוּר אֵיין פֶעהלֶער בֶּעמֶערְק אִיךְ אִין אַייךְ אוּנ דֶער פֶעהלֶער לָאזְט מִיךְ גַייטֶער נִיט רֶעדֶען.

— וֶועלְכֶּער פֶעהלֶער? הָאט עֶר מִיט שִׂמְחָה גֶעפְרֶאגְט, אִיהר מֶאנְט מִיר זָאגֶען, אִיךְ וֶועל אוֹיף אַייךְ קֵיין פַארִיבֶּעל הָאבֶּען!

— אִיז נִיט אַ פֶעהלֶער, גֶעעֶהערְטֶער הֶערְר, פֶערְלַאנְגֶען פוּן דֶעם אַנְדֶערְן דָאס, וָואס אִיהר אַלֵיין וָואלְט עֶס פַאר זִיךְ נִיט טְהוּן? הָאט זִי גֶעאֶנְטְוֶוערְט. דֶעם אֱמֶת אַייךְ צָפֶּען זָאגֶען: נָאךְ אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ אַייעֶר פָאטֶערְס נָאמֶען גֶעהֶערְט, הָאבּ אִיךְ מַיינְס אַ שְׁוֶועסְטֶער קִינְד לִיעבּ בֶּעקוּמֶען, עֶר לִיבְּט מִיךְ אוֹיךְ אַזוֹי וִוי אִיךְ אִיהם, אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעשְׁוָוארְן מַיין לֶעבֶּען לַאנְג אוֹיף אִיהם צוּ וַוארְטֶען, אוּנ אִיךְ וַוארְט אוּנ וֶועל וַוארְטֶען, — גוּטֶער מֶענְשׁ, ווילְט אִיהר אִיךְ זָאל אַייעֶר נָאמֶען מִיט אַכְטוּנְג אוּנ מִיט דַאנְק דֶערְמָאנֶען, זָאלְט אִיהר צוּ אַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן גֶעהְן אוּנ זֵיי זָאגֶען, אַז אַייךְ גֶעפֶאלְט דִי כַּלָּה נִיט. דַאן וֶועט אִיהר צְוֵויי מֶענְשֶׁען גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען אַנְשְׁטָאט דְרַייעֶן אַ פַיינְלִיךְ לֶעבֶּען פֶערְאוּרְזַאכֶען!...

— הֶער אִיךְ דָאס אִין עֶרְנְסְט פוּן אַייךְ, רָחֶל'עֶ, אָדֶער אִיהר ווילְט מִיךְ נוּר פְּרוּבֶּען צוּ הָאבּ אִיךְ אַייךְ בֶּאֱמֶת לִיעבּ? הָאט עֶר גֶעפְרֶאגְט זִיא אָנְקוּקֶענְדִיג מִיט פוּלֶע אוֹיגֶען פוּן טְהרֶערְן.

זִי הָאט מִיטְלֵייד גֶעפִיהלְט. "גֶעעֶהרְטֶער פְרַיינְד, הָאט זִי גֶעזָאגְט. נִיט אִיךְ בִּין שׁוּלְדִיג אִין אַייעֶר צַעַר, אַזוֹי וִוי אִיהר זַייט נִיט שׁוּלְדִיג אִין דִי לַייד אוּנ פַּיין וָואס אִיךְ לַייד אִיבֶּער אַייךְ. דִי, וֶועלְכֶע זֶענֶען שׁוּלְדִיג אִין דֶעם, זֶענֶען אוּנְזֶערֶע לִיעבֶּע עֶלְטֶערְן, פַאר זֵיי מוּזֶען מִיר גָאט בֶּעטֶען עֶר זָאל אוּנְזֶער צַעַר אוּנ טְהרֶערְן זֵיי מוֹחֵל זַיין. מִיר זֶענֶען פוּן דֶער נַייעֶרֶער צַייט, מִיר דַארְפֶען זֵיי נִיט בֶּעסֶער מַאכֶען וִוי זֵיי זֶענֶען; אָבֶּער מִיר מוּזֶען זֶעלְבְּסְט פוּן אוּנְזֶערֶע גֶעפִיהלֶע אָפְּפֶערְן כְּדֵי אַלֵיין בֶּעסֶער צוּ זַיין אוּנ וָואס זֵיי הָאבֶּען אִין אוּנְז קַאלְיֶע גֶעמַאכְט פֶערִיכְטֶען!... אִיךְ וֵוייס: אִיךְ פֶערְלַאנְג פוּן אַייךְ פִיעל; אָבֶּער אוֹיךְ פִיעל אִיז וֶוערְטְה וֶוען אַ מֶענְשׁ קָאן זִיךְ זָאגֶען: אִיךְ הָאבּ צְוֵוייא יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען גְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט... אָ, זַייט אִיהר דִיעזֶער אוֹיפְרִיכְטִיגֶער מֶענְשׁ אוּנ אִיךְ אוּנ מַיין שְׁוֶועסְטֶערְקִינְד וֶועלְן שְׁטֶענְדִיג אַייעֶר נָאמֶען מִיט בְּרָכוֹת דֶערְמָאנֶען!

עֶר הָאט זַיין גַאנְצֶען קוּרַאז פֶערְלָארְן אוּנ דָאס גֶעפִּדְיוֹנְ'ט בֶּן יָחִידֵ'ל אִין אִיהם, הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיס צוּ וַוייזֶען.

— רָחֶל'עֶ, הָאט עֶר מִיט אַ וַויינֶענְדֶער שְׁטִימֶע אוֹיסְגֶערֶעדְט, אִיהר זֶענְט דָאךְ אָבֶּער אוֹיךְ אַ גֶעבִּילְדֶעטֶע, פַאר וָואס הָאט אִיהר אוֹיף מִיר קֵיין רַחֲמָנוּת נִיט? וֶועט אַייךְ גוּט זַיין, אַז אִיךְ וֶועל אִיבֶּער אַייךְ שְׁטַארְבֶּען אָהן אַ צַייט? פָאלְגְט מִיר אוּנ זַייט מַיין כַּלָּה, אִיהר וֵוייסְט נִיט וִוי רַייךְ מַיין פָאטֶער אִיז, אָבֶּער אִיךְ וֵוייס, אַז עֶר הָאט מֶעהר וִויא הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל, דָאס וֶועט אַלְץ מַיינְס זַיין, אִיךְ בִּין דָאךְ אַ בֶּן יָחִיד אוּנ אִיךְ וֶועל אַלְץ אַייךְ אַוֶועקְגֶעבֶּען נָאךְ אוּנְזֶער חֲתוּנָה... אֲפִילוּ אַז אִיהר וֶועט מִיר הֵייסֶען שְׁטוּדִירְן וֶועל אִיךְ אַייךְ אוֹיךְ פָאלְגֶען, נוּר זַייט מַיינֶע, רָחֶל'עֶ!

— זַייט קְלִיגֶער, גֶעעֶהרְטֶער הֶערר! הָאט זִי גֶעאֶנְטְוֶוערְט, פָאלְגְט מִיר אוּנ רֶעדְט

נִיט מֶעהר פוּן דֶעם וָואס קָאן נִיט זַיין! גֶעהט אַהֵיים אוּנ זָאגְט אַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אַז אִיךְ גֶעפֶעל אַייךְ נִיט. אִיךְ עֶרְלוֹיבּ אַייךְ אֲפִילוּ אוֹיסְצוּטְרַאכְטֶען אוֹיף מִיר וָואס אִיהר ווִילְט. אִיךְ וֶועל אַייךְ נִיט אָבְּלֵייקֶענֶען אוּנ נָאךְ גָאט בֶּעטֶען עֶר זָאל אַייךְ אַ בֶּעסֶערֶע אוּנ אַ שֶׁענֶערֶע פַאר מִיר צוּשִׁיקֶען...

מִיט דִי וֶוערְטֶער הָאט זִי זִיךְ אָבְּגֶעקֶעהְרְט אוּנ גֶעוָואלְט פוּן שְׁטוּבּ אַרוֹיס. אָבֶּער עֶר הָאט זִי אָבְּגֶעהַאלְטֶען.

—רָחֶלֶע! הָאט עֶר אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ שְׁטִימֶע וֶועלְכֶע הָאט זַיין פֶערְצְווֵייפְלוּנג אוֹיסְגֶעדְרִיקְט. אַיילְט נִיט אַוֶועקְצוּגֶעהְן, אִיךְ שְׁווֶער אַייךְ, אַז דָאס הָאט אִיהר אַלֵיין מִיךְ צוּ פְּרוּבֶען גֶערֶעדְט. אִיהר זֶענְט מַיין כַּלָּה, אִיהר מוּזְט מַיינֶע זַיין, סַיידֶען אִיךְ וֶועל נִיט לֶעבֶּען... אִיךְ וֶועל אַייךְ דִי תְּנָאִים קֵיינְמָאל נִיט מוֹחֵל זַיין אוּנ אַייעֶרֶע פִינְף טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל וָואס זֶענֶען אַיינְגֶעלֶעגְט וֶועט דֶער טַאטֶע גֶעווִיס נִיט מוֹחֵל זַיין. זַייט בֶּעסֶער אַ רַייכֶע אַ גְלִיקְלִיכֶע אוּנ גֶעלִיעבְּטֶע פְרוֹי פוּן אַ נְגִידְ'ס בֵּן יָחִיד אֵיידֶער אַ אָרֶעמֶע כַּלָּה אָהְן נַדָן פוּן אַ אָרֶעמֶען גֶעשְׁטוּדִירְטֶען. אוֹיף גֶאמָנוֹת, אַלֶע גֶעשְׁטוּדִירְטֶע מֵיינֶען אוֹיךְ מֶעהר דֶעם נַדָן ווִי דֶעם קֶרֶן!... אִיךְ דַארְף אַייעֶר נַדָן נִיט, אָבֶּער אִיהר אַלֵיין זַייט מִיר טְהַייעֶרֶער ווִי מַיין טַאטֶענְס גַאנְץ אֵיינֶענְס.

זִי הָאט מֶעהר נִיט גֶעאֶנְטְווֶערְט אוּנ אִיז בַּאלְד פוּן שְׁטוּבּ אַרוֹיס אוּנ אַרַיין צוּ פֵיינֶען. עֶר אִיז אַהֵיים אַוֶועק אוּנ קֵיינֶעם זַיינֶע בִּזְיוֹנוֹת נִיט עֶרְצֶעהלְט. עֶר הָאט זִיךְ פָּשׁוּט גֶעשֶׁעמְט. עֶר הָאט שׁוֹין בִּיז אִיצְט מִיט דְרַייא כַּלּוֹת זִיךְ גֶעזֶעהְן אוּנ עֶר הָאט יֶעדֶעס מָאל גֶעפוּנֶען אַ פֶעהלֶער אוֹיסְצוּזֶעטְצֶען בִּיז דִי מוּטֶער זַיינֶע הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: „דֶער־פַאר, אַז דוּ וֶועסְט שׁוֹין גֶעפִינֶען דִי כַּלָּה מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת וֶועלְכֶע וֶועט דִיר גֶעפֶאלֶען וֶועסְטוּ אִיהר נִיט גֶעפֶאלֶען. אִיךְ ווִינְשׁ דָאס דִיר נִיט, מַיין קִינְד, אָבֶּער גָאט שְׁווַיינְט נִיט יֶענֶעמְס בִּזְיוֹנוֹת, גֶעדֶענְק מַיינֶע רֵייד"! יָאָט דִי ווֶערְטֶער הָאט עֶר אִיצְט דֶערְמָאנְט אוּנ גֶעשֶׁעמְט זִיךְ אוֹיסְצוּזָאגֶען אַז דֶער מוּטֶערְס נְבוּאָה אִיז מְקוּיָם גֶעווָארְן. אַגַב הָאט עֶר גֶערֶעכֶענְט: טָאמֶער אִיז דָאס בֶּאֱמֶת נוּר אַ פְּרָאבֶע פוּן אִיהר, טָאמֶער וֶועט זִי בֶּעסֶער ווֶערְן, אַז מֶען וֶועט אִיהר נָאךְ רַייכֶערֶע מַתָּנוֹת שֶׁענְקֶען. אִיהם הָאט זִיךְ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אַז אִיהם וֶועט נִיט מֶעגְלִיךְ זַיין זִי נָאךְ אִיבֶּערְצוּרֶעדֶען; דֶערְפַאר, אַז דִי מוּטֶער זַיינֶע הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט: נוּ מַיין זוּהְן, ווִי גֶעפֶעלְט דִיר דִי כַּלָּה? הָאט עֶר גֶעאֶנְטְווֶערְט:

— גֶעפֶאלֶען גֶעפֶעלְט זִיא מִיר גְרָאד, אָבֶּער .... עֶר הָאט ווַייטֶער נִיט גֶעקָאנְט זַיינֶע טְרֶערֶען אַיינְהַאלְטֶען אוּנ הָאט זִיךְ פַאנַאנְדֶער גֶעווֵיינְט.

— וָואס־זְשֶׁע ווֵיינְסְטוּ, מַיין קְרוֹין? הָאט דִי מוּטֶער גֶעפְרֶעגְט. בְּרֶאהֶען דַארְפְסְטוּ דִיךְ מַיין קִינְד, נִיט ווֵיינֶען!

— אִיךְ ווֵיין דֶערְפַאר וָואס דֶער טַאטֶע אִיז נָאךְ אַלְץ אַזוֹי קַארְג אוּנ דִינְגְט זִיךְ וֶוענֶען דָאס הוֹיז אָבְּקוֹיפֶען. הָאט עֶר גֶעאֶנְטְווֶערְט, אוּנ וֶועלְכֶע מַתָּנוֹת הָאט עֶר אִיהר בִּיז אִיצְט גֶעשֶׁענְקְט? זִי שֶׁעמְט זִיךְ אֲפִילוּ זֵיי אָנְצוּטְהוּן.

— זֶעהְסְטוּ, דָאס אִיז אַ סִימָן אַז זִי אִיז קֵיין נַארר נִיט, הָאט דִי טְרַייעֶ מוּטֶער אִיהר אֵיינְצִיג קִינְד גֶעטְרֶעסְט, זִי ווֵייס אַז אִיהר מְחוּתָּן אִיז אָהְן אַ עַיִן הָרָע אַ יוּד אַ גְבִיר, ווִיל זִי בַּייא אִיהם צִיהֶען נָאךְ מַתָּנוֹת. פַאר וָואס נִיט? אַ מֶענְשׁ דַארְף זִיךְ גֶעטְרַייא זַיין; אָבֶּער דוּ, מַיין קִינְד, הָאסְט אִיהר בֶּעדַארְפְט עֶרְקְלֶערְן, אַז זִי אִיז פוּן

דעסטוועגען פארט נאך א קינד מיט א יונגען שכל. דיין מאמע וועט שוין מעהר קיין קינדער ניט האבען און נאך הונדערט און צוואנציג יאהר וועט דאך אלץ זיין דיינע. מיר מיינען דען חלילה, דיך אבצוטהיילען פון אונז?

— אבער בעסער איז, אז זי זאל איהר חתנ׳ס רייכקייט שוין זעהן. נאך איידער זי האט מיט מיר חתונה, האט ער צו פערשטעהן געגעבען, זאל זי וויסען, אז זי האט שוין אונ ניט דארפען ווארטען ביז דער טאטע וועט איהר שפעטער א מאל א שאנע מתנה שענקען.

— זאג דעם אמת מיין קינד, האט די מוטער מיט נייגירדע געפרעגט, דאס האט זי דיך טאקי אנגעלערנט דו זאלסט עס בעטען, אדער דו קלערסט זיך נור אזוי?

— יוא. זי האט עס מיר טאקי געהייסען; נור איך אליין פערשטעה אויך אז אזוי דארף זיין! האט ער געאנטווערט און אנגעשטעלט די מוטער זי זאל מיט׳ן פאטער רעדען וועגען נייע מתנות און וועגען דאס הויז אבקויפען.

די גאנצע נאכט נאך דעם געשפרעך, האט די מוטער צו טהון געהאט מיט איהר מאן ער זאל געבען פאר דעם הויז וויפיעל מען פערלאנגט, און טאקי זיך לאזען ערקענען פאר זיין בן יחיד׳ס כלה. „זאל זי טאקי אויספיהרן אלץ וואס זי וויל! האט דאס ווייב געטענה׳ט. צו ליעב וועמען האריוועט מען? אלץ צו ליעב קינדער. און אז גאט ברוך הוא האט אונז געגעבען ניט מעהר ווי איין קינד, דארף עס טהייער זיין ווי דאס אויג פונ׳ם קאפ. און וואס זאלען מיר זיך נארן, העניך, האט זי געזאגט, מיר מוזען אונזער קינד׳ס חסרונות צודעקען מיט אונזער געלד... עס קאן זיין, די כלה ווייס שוין אויך, פון זיינע דרכים מיט דעם לעסביצע׳ס העלפען... קיין גוטס זאל זי ניט וויסען, וויא זיא האט אונז קיין גוטס ניט געטהון!...״ ר׳ העניך איז פערציטערט געווארן פון דער ערהאינערונג.

אויף מארגען האט ר׳ העניך ר׳ שלמה׳ן מודיע געוועזען, אז ער קויפט דאס הויז, און גיט דעם מקח וויפיעל מען בעט. „נור זאל שוין א מאל א סוף זיין און איך זאל מיט מיין חתן צוריק ניט דארפען פאהרן אהן דער כלה״. ר׳ שלמה האט נאך אפילו געוואלט איבערעדען מיט רחלען, „נור היעלע האט צוגעטריבען מען זאל קיין נאוועגדעס מעהר ניט מאכען. ווארום זי האט נאך היינט פון רחלען ווידער געהערט: זי וועט מיט העניכ׳ס זוהן קיין חתונה ניט האבען, דאריבער האט זיא בעסער געראטהען מען זאל שוין א תקיעת כף מאכען עס זאל שוין זיין א אבגעטהוענע מעשה. פון רחל׳עס נעכטיגען פערלאנגען צו בלייבען אליין מיט איהר חתן, מיט איהם זיך דורך צו רעדען האט ר׳ שלמה געגלויבט, אז זי איז שוין צופרידען.

און אז ר׳ העניך האט נאך ערצעהלט, וואס זיין בן יחיד האט איהם איבערגעגעבען אז די כלה האט אנגערעדט דעם חתן, ער זאל פאר איהר נאך מתנות ביי איהם ציהען און ער זאל נאך פאר דער חתונה דאס הויז אבקויפען, האט ר׳ שלמה זיכער געגלויבט, אז דאס אלץ טהוט זיך מיט איהר רצון, און האט נאך אין דעם זעלבען טאג דעם קאנטראקט אונטערגעשריבען, אז דאס הויז מיט דעם זאוואד, מיט אלץ וואס געהער צום הויז האט חיעלע מיט זיין ווילען פערקויפט צו ר׳ העניכ׳ס זוהן. אז

דאס אַלץ איז שוין אָבגעטהון געוועזן האט מען געמאכט אַ תּנאים אַתּרוגים און מען האט די חתונה בעשטימט אין אַ פּאָר טאָג אַרום.

י.

מיט איהר חתן האט זיך רחלע שוין מעהר ניט געזעהן. ער האט זיך געהיט מיט איהר זיך מעהר ניט צו בעגעגענען ביז דער חופּה. איהם איז ניחא געוועזען בעסער ברוגזה'היט מיט איהר חתונה צו האבען איידער בשלום פון איהר נאָכמאַל צו הערען אַז זי איז ניט זיין כּלה. ער האט געהאפט: די נייע מתּנות און דאס הויז וואס זיין פאטער האט אָבגעקויפט, וועלן נוטע מליצים זיין פאר איהם און זי וועט צו דער חופּה געהן. ער האט זיך דערמאָנט פיעל געשיכטען, וואס די כּלה האט דעם חתן ניט געוואָלט, נור אַז די עלטערן איהרע האבען געוואָלט איז פונדעסטוועגען ביי זיי חתונה געוועזן, מסתּמא וועט דא אויך אַזוי זיין.

ר' שלמה האט רחלע'ן אַנגעזאָגט, אַז דאס הויז האט שוין ר' העניך אָבגעקויפט און אָבגעשריבען אויף איהר חתנ'ס נאָמען. איצט, מיין טאָכטער האט ער טרייַ געזאָגט, איז שוין אַלץ פערפאַלען. איצט קאָן שוין אַנדערש ניט זיין, דו מוזט מיט דיין בעשערטען חתונה האבען! זי האט נור געוויינט דאס אויסהאַרענדיג.

— וויסטו וואס איך וועל דיר זאָגען, האט ער געטרעסט, איך גיב דיר מיין ערענוואָרט: אין אַ יאָהר צייט נאך דיין חתונה אַז דו וועסט וועלן אַ גט וועט זיין אַ גט. דאס האב איך מיט ר' פנחס'לען נאך פריהער אָבגעשמועסט. אָבער חתונה מוז זיין. איז מעגליך עס זאָל דיין געשטאָרבענער פאטער איצט פון זיין קבר אויפשטעהן: אַזוי איז איצט מעגליך עס זאָל קיין חתונה ניט זיין. אין דעם זעלבען טאָג האט דער פאָצטער איהר אַ בריוועלע דערלאַנגט פון משה'לען. זי איז אין קאַד אַריין און האט עס איבערגעלעזען.

ליעבע רחלע!

פון אַלץ וואס דו און אונזער גוטער, אָבער ניט קלוגער פעטער, האבען מיר אין אייערע לעצטע בריף געשריבען, זעה איך אַז די סכּנה איז נאָהענט. דער חלף ליגט דיר שוין אויפ'ן האַלז, און די גראָסטע שמערצען האב איך דערפון נור, וואס דו שרייבסט מיר און בעשווערסט מיך: איך זאָל ניט קומען אַ האַנד אויסצושטרעקען דער, וועלכע טרענקט זיך. איך זאָל דיך, מיין טהייערע, מיין ליעבע רחלע, לאָזען אין דעם ים טהרערן דערטרונקען ווערן? קאָן איך עס? מאַג איך עס? ...

מען קאָן מיינען, אַז איך בין אַ שרעקליכער עגאָאיסט. איך האב דיך אַ עלענדע געלאָזען אַליין צווישען מענשען, וועלכע פערשטעהן דיך ניט און קוועלן דיך און פּייניגען דיך מיט זייער געמיינהייט בעת איך זיטץ מיר אין פערגניגען צווישען חברים חכמים און בין גליקליך נייע וויסענשאַפט צו לערנען פון בעריהמטע לעהרער און קלוגע לייט. איך אַליין, ליעבע רחלע, קום מיר פאר פאַר אַ עגאָאיסט און פיהל זיך אָפט אַזוי אונגערעכט ביז זיך זעלבסט צו פעראַכטען. וועמען מאַך איך גליקליך מיט מיין לערנען? מיין טרייען זיידען און מיין באָבען, מיין ליעבען פעטער און מוהמען

האב איך נור בזיונות און צער פערורזאכט. אויך דיך מיין זעעלע, מיין ליעבער מלאך, האב איך אזוי אונגעטראסט, אזוי אונגליקליך געמאכט! .... אפשר וועט ווער א מאל נוטצען האבען פון מיין איצטיגען לערנען, דערווייל אבער האב איך נור איינער דאס פערגניגען: מיין לוסט אלעס צו וויסען און צו ערפארשען גיב איך נאך. און דו ליידסט, און דו וויינסט און ליעבסט מיך דעננאך, בין איך דען דאס ווערטה? א, איך וואלט באמת ניט ווערטה זיין דיין ליעבען נאמען צו דערמאנען ווען אין מיר וואלט אזא שטיינערן הערץ געוועזן, מיך ניט צו בעקימערן וועגען דיינע לייד און שמערץ! איז ניט ראטעוועון א מענשען די העכסטע פפליכט פון א מענשען? און ראטעוועון דיך נור פון איין איבריגען טאג ליידען איז ביי מיר וויא מיין גאנצע וועלט געראטעוועט און איך קום קוים פארט ניט! נור ווייל דיין פערלאנגען איז מיר טהייערער און ליעבער אלס מיין רוהע און גליק. דוא שרייבסט מיר, אז נור אנגסט און זארג נייע וועל איך דיר מיטברענגען מיט מיין קומען איידער דו וועסט מיך רופען און איך וויל דיך ניט בעאנגסטיגען און קיין נייע זארג ניט צוגעבען האט'ש מיין אנגסט פון ווייטען צו זיטצען איז אפשר גרעסער און פיינליכער.

אונזער פעטער ר' שלמה שילדערט מיר אין זיין לעצטען בריף דיין טרויעריגע לאגע איצט. דיינע עגמת נפש וואס די מוטער דיינע פערקויפט דאס הויז און אלץ וואס איהם און דיר איז טהייער און דו מוזט צוזעהן וויא דיין זעליגען פאטערס האב און גוטס ווערט פערפרעמדט און זיינע עלענדע קליינע יתומים מוזען באלד צו א שטיפפאטער אנקומען, וועלכער — ווי דער פעטער אליין איז מודה — וועט פאר זיי קיין געטרייער פאטער זיין. דער עלענד פון די קינדער און דיין טרויעריגע צוקונפט: אליין צו בלייבען ערגעץ אין א געדונגענעם חדר'ל, בעת דיין מוטער וועט מיט איהר ר' פנחס'לען חופה האבען, דאס אלץ, שרייבט אונזער פעטער, בעוויינט דיך פון אונזערע ליעבע זיך אבצוזאגען און חתונה צו האבען מיט דיין געוואלד חתן... נור איין זאך, שרייבט ער, שטעהט דיר נאך אין וועג: דיא שבועה דיינע וואס דו האסט מיר א מאל ווי א קינד געשוואורן מיינע צו זיין און נור אויף מיר צו ווארטען. דאריבער בעט ער מיך: איך זאל דיר די שבועה מוחל זיין, דיך בעפרייען און ניט שטעהן דיר אין וועג. וועלכער קאן דיך און די עלענדע יתומים צום גליק פיהרען .... רחל'ע, איך פרעג ניט צו שרייבט דער פעטער דאס מיט דיין וויסען צו ניט. איך וויל גאר ניט וויסען צו איז דיר ווען ניחא געוועזן ער זאל עס מיך בעטען; נור איך רופע איצט נאט, דעם איינציגען עדות פון דער שבועה, ער זאל אויך איצט אונזער עדות זיין, אז איך בין דיר דיין שבועה מוחל! פון דער מינוט וואס דו וועכסט דיזע ווארטער לעזען ביזטו פריי און דיך בינדט צו מיר ניט קיין שבועה קיין ווארט און פפליכט. איך האב קיינמאל אויף דער שבועה ניט געהאפט און ניט גערעכענט. ניט א שבועה קאן דער נוטער משכון זיין א מענשענס טרייע און ליעבע צו פערזיכערן, אבער די ליעבע היט דיא שבועה זיא זאל ניט געבראכען ווערן. בעדויערנסווירדיג איז יענע ליעבע וואס דאס הערץ איז פאר איהר קיין זיכערער ארט ניט און מוז נאך א שבועה האבען וואס זאל זי דארט איינהיטען. זיי זיכער, אז דיין משה'לע וועט דיך צו ליעבען ניט אויפהערן, זעלבסט דאן ווען דיין הערץ וועט מעהר קיינע ליעבע פיהלען פאר איהם! .... מען

ליעבט ניט, ווייל מען וויל ליעבען און מען הערט ניט אויף צו ליעבען ווייל מען קיל מעהר ניט ליעבען. ווי אונשולדיג דו ליעבסט מיך אזוי אונשולדיג קאנסטו אויפהערן מיך צו ליעבען. ניט אזוי איז אכטונג: דו אכטעסט מיך, ווייל איך פערדין פילייכט דיין אכטונג און ווייל איך האפע קיינמאל, חלילה, ניט ערגער צו ווערן ווי דו קענסט מיך, וועסטו צו אכטען מיך קיינמאל ניט אויפהערן. זאל דאס אונז טראסטען און לאס מיר דאס הערץ און ליעבע אפפערן פאר אונזערע עלענדע יתומים. לעך! אויך דער יושר הייסט אונז אמאל: צו ליעב א ווילען פון עלטערן, און צוליעב עלענד פון קליינע עלענדע יתומים אויסרייסען אונזערע געפיהלע און טהון פונקט פערקעהרט ווי מיר האבען געהאפט.

נור איין זאך מוז איך דיר נאך דערמאנען: דו זאלסט פריהער זיך זעלבסט פרעגען, צו האסטו אזוי פיעל כח אין זיך אויסצורייסען דיא אונגליקליכע ליעבע ביינע ביז עס זאל פון איהר א שפור ניט בלייבען? שרעקליך איז יענעס לאגע, דער וואס פיינט: ער האט מיט זיין שטרענגען ווילען, די ליעבע אין גאנצען אויסגעריסען און האט זיך ניט ארומגעקוקט, אז ערגעץ אין א ווינקעל איז נאך א ווארצעל געבליבען און דער ווארצעל האט באלד צוריק נייע בלומען און צווייגען אנגעהויבען צו ענטוויקלען, ביז דאס הערץ איז ווידער מיט ליעבע פאלל געווארן. דאן רחל'ע, ווען דאס הערץ האט שוין א אנדער בעל הבית אויף זיך, איז יעדע ליעבע צו איין אנדערן ניט נור א זינד א שווערע פאר גאט, אבער אויך א העללנפיין פאר זיך... דאן איז דעם אונגליקליכען די זונן פינסטער אין מיטען טאג און ביי דער גרעסטער רייכקייט, איז מען ארעמער און אונגליקליכער אלס דער ארעמסטער און אונגליקליכסטער אין דער וועלט!... דיזער געדאנק בעאונרוהיגט מיך יעטצט, ליעבע רחל'ע, מעהר ווי אלץ און די זארג איבער דעם וועט מיין זארג בלייבען, זא לאנג איך וועל לעבען!...

איך בעט דיך: שרייב מיר אנטווארט אויף דיזע פראגע מיינע און נור דאן זאלסטו מיך הייסען דא זיטצען בלייבען, ווען מיין בריף וועט שוין זיין צו שפעט און דער ענטשיידענדער שריט וועט שוין זיין געמאכט... אבער ווען דו וועסט מיין בריף ערהאלטען האטש איין אויגענבליק פאר דעם שלום פון אונזער ראמאן, זאלסטו בעטען האטש נאך א שטונדע צייט ביז דו וועסט דעם זעלבען בריף נאך אמאל דורכלעזען, און זיך גוט בעזינען וואס דו האסט צו טהון. איך שוואר דיר, איך וועל נור גאט פאר דיר בעטען, אז מיין זארג זאל א אומזיסטע זארג זיין און דו זאלסט פון יענע פיין און שמערצען ניט וויסען, וועלכע שרעקען מיך שוין איצט.

אים פאל אז דו וועסט איינזעהן, אז דו ביזט צו שוואך מיט אזא געוואלדיס פון דיינעם הערצען די ליעבע אויסצורייסען און די געפאהר וואס צווינגט דיך דאס צו טהון איז שוין צו נאהענט, בעשוואר איך דיך, דו זאלסט מיר טעלעגראפירן. אין דער מינוט ווען דיין טעלעגראמע וועט מיך טרעפען וועל איך, גאר אהן ישוב הדעת צו דיר לויפען. יעדענפאלס האט מען דיך אין קייטען נאך ניט געשמידט און הונדערט טענען זענען פריי און אפען פאר דעם מענשען וואס וויל זיך רעטען... איך ווייס ניט פון טייטען דיר צו זאגען ווי זיך צו רעטען; אבער איך זאג דיר, אז שולדיג איז יענער פאר זיין איינען גליק און לעבען, ווען ער האט דעם מוטה ניט א געצוואונגענעם סקאנדאל

צו מאכען, וואו זיך גליק אונ לעבען פערלאנגען אזא פון איהם. – איין ארט וייז איך דיר אן פאר יעדעם פאל: איך האב מיין מוטער פון אלץ געשריבען אונ זי וועט דיך ווי איהר קינד צונעהמען ווען נור דו וועסט צו איהר קומען. איהרע לאגע איז, גאט צו דאנקען, איצט בעסער ווי געוועזן. שרייב מיר נור אז דו ווילסט צו איהר פאהרן וועל איך קומען אוועק פיהרן דיך צו איהר. זארג נור ניט מיין טהייערע! דיא זונן פערגעהט ניט אויף אייביג, דיין ליכטיגער פריה מארגען וועט דיר באלד אויפשיינען, זאל מיינע ליעבע צו דיר דערוויל דאס ליכטעל זיין זעלבסט אין פינסטערניש דעם גבאדען וועג צו געפינען .... זיי מיר געזונד, איך בלייב יעדענפאלס דיין משה׳לע.

אונ פאר העניק׳ס געבילדעטען זוהן זאל איך זיך פון איהם אבזאגען? האט זיא פאר זיך איבער גערעדט אז זי האט דאס בריוועלע איבערגעלייענט. ניין, אזוי נידריג בין איך נאך ניט געפאלען. ביינע בין איך משה׳לע, ביינע ווי לאנג איך לעב אונ וועל לעבען!.. –"

ארויסגעהענדיג פון קאד האט זי אויפ׳ן וועג בעגעגענט עטליכע פוינעלעך, וועלכע זענען זיך צופלויגען אז זי איז צו זיי נאהענטער צו. דאס האט זיא אויף ניי געדאנקען ארויפגעפיהרט. „גאט דער נוטער האט אין זיין קלוגער ארדנונג דיזע נאטור איינגעפלאנצט אין יעדער שוואכער בעשעפעניש, זיך צו רעטען פון דעם שטארקערן. האט זי צו זיך געזאגט, בין איך דען ניט שוואך ווי א פוינעלע איצט געגען דעם שטארקען ווילען פון דעם רבי׳ן, פון ר׳ פנחס׳לען אונ פון מיין אייגענער מוטער? פאר וואס זאל איך נארישער זיין פאר די קליינע פוינעלעך אונ מורא האבען פאר דעם ענטלויפען מעהר אלס פאר דער געפאהר זעלבסט? זעה איך דען ניט די גרוב אפען מיינע אלע האפנונגען איינצושלינגען? וואס ווארט איך נאך? – דוא ביזט מיין עדות גאט אין הימעל, אז איך האב אלעס געטהון אויסצומיידען יעדען סקאנדאל וואס איז פאר א יודישער טאכטער ניט שאן. שטעה מיר ביי איצט אין מיין נויטה אונ שיק מיר דיין גוטען מלאך וואס זאל מיך אין מיין וועג בעגלייטען!"

מיט די ווערטער איז זי צו דער קראנקער פייגען אריין אונ איהר אנגעזאגט אז די רעכענט נאך היינט צו ענטלויפען צו משה׳לעס מוטער. פייגע האט ניט געאנטווערט נור ביטער געקראכצט.

– וואס טהוט אייך וועה, פייגע? האט רחלע מיט אנגסט געפרעגט.

– דאס הארץ, דאס הארץ, מיין טהייער קינד! האט די קראנקע געאנטווערט, אבער ניט אויף דער קראנקהייט מיינער בעקלאג איך מיך: אהן יסורים לעבט מען ניט אונ אהן יסורים שטארבט מען ניט, עס דארף אזוי זיין אונ איך האב צו גאט קיין טענות ניט; דאס הארץ אבער צוגעהט אין מיר, וואס דו, מיין ליעב קינד, רעדסט פון ענטלויפען אין דעם טאג וואס האט געזאלט דיין שמחה זיין! וואלט איך כאטש ניט אזוי קראנק געוועזן, וואלט איך פאר דיין מאמען גאר קיין מורא האבען אונ דיך בעגלייטען אין דיין וועג. איצט אבער האב איך אפילו קיין כח ניט פון בעט ארויפצוגעהן. וואו וועסטו לויפען אליין, מיין קינד? א מעדעל אליין אין אוועג איז ערגער ווי א קליין קינד אליין. ווארט נאך א ווייל, לאז מיך בעטראכטען, טאמיר וועל איך פאר דיר געפינען א זיכערן ארט דא אין שטאדט וואו דיך צו בעהאלטען ביז א צייט.

אפשר וועט מיר דער וואס לעבט אייביג געבען כח. איך זאל קאנען פון בעט אראפ וועל איך פאר דיר א פוהר דינגען אונ מיט דיר מיטפאהרן צו דיין משה'לעס מאמען.

רחל'ע האט זיך אויסגעוויינט אונ איז צוריק אין שטוב אריין. דא האט זי די מוהמע דבורה'ן געפונען, וועלכע איז געקומען זעהן ווי זי וועט אנמעסטען איהר חופה קלייד, וואס די שניידערקע האט איהר איצט אבגעבראכט. זי האט די חופה קלייד אנגעמאכטען, בעדאנקט דער מוהמען פאר איהרע ברכות צו דער געלעגענהייט אונ ניט געלאזט מערקען וואס אין איהר הערצען איז אין דער צייט פארגעקומען. „גו שוואגערין, האט הייעלע צו דבורה'ן געזאגט. בין איך ניט קלינגער פאר אייך אלעמען? ווער איז גערעכט? ווייסט האטש, אז א מאמע קען איהר איינען קינד בעסער פאר א אנדערן. אזוי זאל איך געהן אין אלל דאס גוטס ווי זיא וועט אם ירצה השם מארגען צו דער חופה געהן מיט איהר אייגענעם ווילען!"

— ניט אומזיסט זאגען די מאנסלייט, אז ווייבער האבען צעהן דעות אין איין טאג! האט דבורה געאנטווערט אונ איז אהיים אוועקגעלאפען אנזאגען איהר אלטען.

ר' שלמה האט דבורה'ן אויך א גוטע בשורה אנגעזאגט: ער האט ערשט א דעפעשע ערהאלטען, ער זאל חדרים צוגרייטען פאר ר' זלמנ'קע דעם רבינ'ס זאל לעבען אונ פאר ר' פנחס'לען, וועלכע זענען ארויסגעפאהרן אויף דער חתונה אהערצו. „דו וועסט זעהן דבורה, האט ער געזאגט זעהר געריהרט פון דעם כבוד, וואס ר' זלמנ'קע דעם רבינ'ס וועט ביי איהם סטאנציע האלטען. דו וועסט זעהן, מיר וועלן נאך פאר אונזער צער פיעל נחת האבען פון רחל'ען! געוואלד, אונזער רבי זאל לעבען וויים וואס ער טהוט!" הייעלע האט בעזונדער א דעפעשע ערהאלטען זי זאל א צימער אנגרייטען פאר גיטעלען, אונ האטש זי האט זיך שוין פריהער געריכט אויף איהר נור איצט איז זיא שוין זיכער אז גיטעלע וועט קומען אונ זי האט פון דאס ניי אנגעהויבען קאמאנדעווען: מען זאל א פאר צימער צוגרייטען פאר גיטעלן; אונ האט אליין אויך גענוג צוגעהאריזעוועט. די קינדער היינט פריהער שלאפען געלעגט אונ אליין אויך פריהער ווי געוואהנליך צו בעט געגאנגען, זי זאל קאנען אויפשטעהן פריהער אונ זיין דערביי, בעת די פישער וועלן די פיש ברענגען אונ דערנאך קאנען גיטעלן מקבל פנים זיין א אויסגערוהטע, א צוגעגרייטע, גאר ניט ווי א מחותנת'טע אין דעם טאג פון א קינד'ס חתונה.

רחל'ע האט דעם גאנצען טאג נור גלייכגילטיגקייט בעוויזען. קיינער האט ניט געוואוסט ווי לאנג איהר איז דער טאג געווען אונ ווי גערן זי וואלט שוין געוואלט עס זאל ווערן נאכט. אז אלע האבען שוין געשלאפען איז זי שטיל צו פייגען אריין. פייגע האט אויך געשלאפען.

שטעהט אויף, פייגע טהייערע! האט זי ריהרענד אויסגערעדט. געזעגנען זיך מיט אייך איינציגער בין איך געקומען.

— אך, רחל'ע! האט פייגע זיך אויפכאפענדיג אויסגעזיפצט. גוט וואס דו ביזט געקומען!

— פייגע, וואהין זאל איך איצט געהן? מיר בלייבט נור איין וועג פון בריק אין וואסער... ביי די רייד האט זי שרעקליך געוויינט.

– וויין נִיט מַיין קִינְד, הָאט פֵייגֶע גֶעטְרֶאסְט. נָאט אִיז מִיט אוּנְז, עֶר וַוייזְט אוּנְז נִסִים גְרוֹיסֶע: אִיךְ הָאבּ מִיר דֶעם גַאנְצֶען טָאג דֶעם קָאפּ גֶעבְּרָאכֶען וואוּ פַאר דִיר אַ זִיכֶערְן אָרְט צוּ גֶעפִינֶען אוּנ הָאבּ פוּן שְׁוַואכְקֵייט נִיט גֶעפִיהלְט וְוִי אִיךְ בִּין אִין אַ זִיסֶען שְׁלָאף אַרַיינְגֶעפַאלְן. אוּנ וָואס פַאר חֲלוֹמוֹת מִיר הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעפְלוֹנְטֶערְט גֶעדֶענְק אִיךְ גָאר נִיט דִיר אִיבֶּער צוּ דֶערְצֶעהלְן; נוּר אִיךְ גֶעדֶענְק אִיךְ הָאבּ דַיין זֵיידֶען ר׳ אַבְרָהָם׳ן גֶעזֶעהְן, עֶר הָאט דִיךְ פַארְן הַאנְד גֶעפִיהְרְט אוּנ צוּגֶעפִיהְרְט צוּ אַ שְׁטִיבֶּעלֶע. פוּן שְׁטִיבֶּעלֶע אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען שָׂרָה׳לֶע דִי אַלְמָנָה מִיט אַ קָאשִׁיק פוּטֶערְזֶעמֶעלֶעךְ. עֶר הָאט פוּן קָאשִׁיק אַרוֹיסְגֶענוּמֶען צְוֵויי זֶעמֶעלֶעךְ אוּנ דִיר דֶערְלַאנְגְט. „עֶס דוּ אֵיינְס, מַיין טָאכְטֶער״, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אוּנ בֶּעהַאלְט דָאס אַנְדֶערֶע פַאר מֹשֶׁה׳לֶען, עֶר וֶועט בַּאלְד פוּן חֶדֶר קוּמֶען, מַיין טְהַייעֶר קִינְד!״ אִין דֶער מִינוּט הָאסְטוּ מִיךְ אוֹיפְגֶעוֶועקְט. דָאס אִיז אַ אֶמֶת׳ר חָלוֹם מַיין קִינְד: דֶער זֵיידֶע אִיז מִיר גֶעקוּמֶען אָנְזָאגֶען דוּ זָאלְסְט זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען בַּיי שָׂרָה׳לֶען, עֶר הָאט דִיךְ גֶעטְרֶאסְט אַז דַיין מֹשֶׁה׳לֶע וֶועט בַּאלְד צוּ דִיר קוּמֶען. הֶערְסְטוּ, גֶעה צוּ שָׂרָה׳לֶען, דוּ הָאסְט אִיהר פִיעל טוֹבוֹת גֶעטְהוּן, זִי וֶועט דִיךְ וְוִי דָאס אוֹיג פוּן קָאפּ אָבְּהִיטֶען. הָאבּ קֵיין מוֹרָא, זְכוּת אָבוֹת בֶּעגְלֵייט דִיךְ אִין דַיין וֶועג! – נוּר אֵיידֶער דוּ גֶעהְסְט אַוֶועק פוּן מִיר, מוּז אִיךְ דִיךְ נָאךְ עֶפִּיס בֶּעטֶען אוּנ דוּ זָאלְסְט עֶס מִיר פֶערְשְׁפְּרֶעכֶען. זַיי וִויסֶען מַיין טָאכְטֶער, אַז נִיט לַאנְג נָאךְ וֶועל אִיךְ מִיךְ מוּטְשֶׁען דָא אוֹיף מַיין קְרַאנְקֶער בֶּעט. אִיךְ פִיהל: מַיין טָאג אִיז אַרִיבֶּער, דִי פִינְסְטֶערֶע לַאנְגֶע נַאכְט רוּקְט זִיךְ אָן אוּנ אַ קְלֵיין וִוינְטֶעלֶע וֶועט דָאס לֶעצְט פוּנְק וָואס בְּרֶענְט נָאךְ אִין מִיר בַּאלְד אִין גַאנְצֶען אוֹיסְלֶעשֶׁען... רָחֶל׳ע, אִיךְ וִויל דוּ זָאלְסְט נָאךְ בַּיי מַיין לֶעצְטֶער שָׁעָה דָא זַיין. אִיךְ הָאבּ קֵיין נָאהֶענְטֶערֶע אוּנ קֵיין לִיעבֶּערֶע פַאר דִיר, וָואס זָאל מִיר הֶעלְפֶען מַיינֶע אוֹיגֶען צוּמַאכֶען, אוֹיף אֵייבִּיג דִיךְ שׁוֹין נִיט מֶעהר צוּ זֶעהְן. גִיבּ מִיר דַיין עֶהְרְלִיךְ וָוארְט, מַיין כָּשֵׁר קִינְד, אַז דוּ וֶועסְט פוּן שָׂרָה׳לֶעס שְׁטִיבֶּעלֶע עֶרְגֶעץ נִיט אַוֶועקְפָאהרְן פְרִיהֶער, בִּיז אִיךְ וֶועל דִיךְ הֵייסֶען פָאהרְן, אוּנ אַז אִיךְ וֶועל דִיךְ שִׁיקֶען רוּפֶען אִין דֶער נוֹיטֶער מִינוּט מִיט מִיר וִדוּי צוּ זָאגֶען, זָאלְסְטוּ קוּמֶען. נָאךְ מַיין טוֹיְדְט, נָאךְ מִיר אַלִיכְטֶעל אָנְצִינְדֶען אוּנ אַ עֶהְרְלִיכֶען יוּדֶען דִינְגֶען וָואס זָאל נָאךְ מִיר קַדִּישׁ זָאגֶען. אִיךְ גִיבּ דִיר עֶטְלִיכֶע רוּבֶּעל, נַא נֶעהם זֵיי, כָּשֵׁר פֶערְהָארִיוֶועט גֶעלְד, פַאר דֶעם זָאלְסְטוּ מִיר תַּכְרִיכִים קוֹיפֶען, פַאר אַ קֶבֶר אוֹיפ׳ן גוּטֶען אָרְט בֶּעצָאהלֶען. וֶועט נָאךְ עֶפִּיס בְּלַייבֶּען זָאלְסְטוּ אִין צְדָקָה צוּטְהֵיילֶען וואוּ דוּ וֶועסְט זֶעהְן אַז עֶס אִיז אַ צְדָקָה. אַזוֹי אַז דוּ וֶועסְט טְהוּן, וֶועל אִיךְ שְׁטַארְבֶּען אַ צוּפְרִידֶענֶע, אִיךְ הָאבּ מַיין וֶועלְטֶעל גַאנְץ שֵׁאן אוֹיסְגֶעפִיהְרְט אוּנ לִיג אִין קֶבֶר חָלִילָה נִיט אִין פְרֶעמְדֶע תַּכְרִיכִים. אָ, מַיין קִינְד, בֶּעסֶער׳ס הָאבּ אִיךְ מִיר אִין מַיין לֶעבֶּען נִיט גֶעוואוּנְשֶׁען!

– אִיךְ וֶועל אָהְן אַייעֶר וִויסֶען עֶרְגֶעץ נִיט גֶעהְן, פֵייגֶע! הָאט רָחֶל׳ע אַ ווֵיינֶענְדֶע פֶערְשְׁפְּרָאכֶען, נוּר לֶעבְּט אוּנ זַייט גֶעזוּנְד! אָ, וְוִי עֶלֶענְד וֶועל אִיךְ אָהְן אַייךְ זַיין!... פֶערְגֶעסְט מִיךְ נִיט פֵייגֶע, אִיךְ וֶועל גָאט בֶּעטֶען עֶר זָאל אַייךְ נָאךְ יָאהרְן גֶעבֶּען, זָאגְט קֵיינֶעם נִיט וואוּ אִיךְ וֶועל זַיין!

– זָאג נִיט מַיין קִינְד, קֵיינֶער אוֹיסֶער מִיר וֶועט דַיין אָרְט נִיט וִויסֶען! כָּל זְמַן אִיךְ וֶועל נִיט שִׁיקֶען נָאךְ דִיר מַאגְסְטוּ רוּהִיג זִיצֶען, אֶפְשָׁר וֶועט נָאךְ נָאט בָּרוּךְ הוּא

חסד טהון אונ מיך אויפהייבען פון מיין בעט, איך זאל מיט דיר צוזאמען צו משה'לעס מוטער פאהרן!

זיי האבען זיך ביידע גוט אויסגעוויינט אונ רחל'ע איז צוריק אין שטוב אריין. אלע האבען דא רוהיג געשלאפען, זיא האט נאך א קליין צעטעלע אנגעשריבען אונ אונטערן לאמפ בעהאלטען. אז זי האט איהר פאטערס טאשענאור אונ עטליכע רובעל געלד גענומען איז זי שטיל מיט הערץ קלאפען צו די קינדער אין צימער אריין, זייא שלאפענדיגע גוט אנגעקושט אונ זיך גוט אויסגעוויינט.

„פערצייהע פאטער, האט זי אין זיך גערעדט, פערצייהע מיר פאטער, טאמער וועט ווער דיין ליעבען נאמען צו שאנד דערמאנען וואס דו האסט אויף דער וועלט אזא שלעכטע יודישע טאכטער געלאזען! פערצייהע אויך דו, זיידע געטרייער, שטעה מיר ביי אין מיין נויטה, בעט גאט פאר מיר ער זאל מיר כח געבען מיינע הערצענס קלעמונג אונ צער אריבער צו טראגען... זייט געזונד, ארעמע יתומים'לעך. ביי אייך בלייבט מיין הערץ, מיין לעבען... א, זייט מיר געזונד, עלענדע ברידערלעך, אונגליקליכע שוועסטערל!...״ מיט די רייד האט זי זיך ארים געטהון פון צימער ארויס אונ דערביי אבער געפיהלט אזא וועהטיג, ווי זי וואלט דאס גאנצע הערץ פון זיך ארויסגעריסען. ביי דער טהיר איז זיא שיר אין אונמאכט געבליבען, אזוי האט איהר דאס הערץ געקלעמט אונ זיא איז גוטע צעהן מינוט געשטאנען דעם קאפ צו דער וואנט אנגעשפארט ביז זי איז צו זיך געקומען. שטיל ווי א גנב איז זי א פערהילטע אונ איינגעוויקעלטע דורכגעגאנגען דעם לאנגען קארידאר. ביז זי איז אין סאד אריין: פון דאנען איז זי מיט א הינטער טהירל אין א שטילע גאסעל ארויס אונ זיך געלאזט לויפען צום טייך וואו שרה'לע האט געוואהנט.

שטיל אונ טיף פערשלאפען איז נאך דאס גאנצע שטאדטעל געוועזן, נור איהר האט געדאכט: טויזענד אויגען קוקען אויף איהר אונ זעהן ווי זי לויפט. זי האט איהר געזיכט נאך מעהר פערוויקעלט מען זאל זי ניט ערקענען. פון א בוידעם ערגעץ האט א האן א קריי געטהון, נור זי האט אין דעם קול איהר ברודער'ל מאטעלעס וויינענד געשריי געהערט, אונ אזוי קלאר אונ דייטליך געהערט, אז זעלבסט זיין בעטען זיך האט זיך צוגעטראגען צו איהר אויער. „ניט ענטלויף רחל'ע, האב מיך ניט פיינד. לויף ניט אזוי ניך, איך האב שוין קיין אמהעם ניט געבלויפענדיג! — געה צוריק אהיים, ארעם קינד!״ ענטווערן איהרע ליפען אונ דאס הערץ צוגעהט אין איהר. דעם קינדס געוויין האט אבער ניט אויף אונ רייסט איהר הערץ אין שטיקער. זי וויל זיך אומקעהרן אונ האט מורא. פון פארנט זעהט זי איז קיינער ניטא, נור הינטער איהר יאגען זיך אפשר די גאנצע שטאדט מענשען, אונ מאטעלע וויינט נאך אונ חליפעט שוין. „ניין, איך קאן ניט ווייטער!״ האט זיא אויסגערעדט אונ איז אין מיטען לויפען שטעהן געבליבען, זיך צוגעהערט: צו וויינט עס טאקי מאטעלע, צו דאכט זיך איהר נור אזוי — „ניין, איך האב דאס קינד שלאפענד געלאזען רוהיג אין זיין בעטעלע, מיין רחמנות אויף דעם יתום'ל שרייט עס אין מיין אייגענעם הערצען. עס איז שטיל, שטיל... שלאף מאטעלע, שלאפט ארעמע יתומים'לעך, וואס קאן איך אייך העלפען?״ אונ זי איז ווייטער געלאפען, נור לויפענדיג האט זי ווידער געהערט ווי מאטעלע וויינט אונ

בֶּעט זִיךְ נָאךְ רִידהָרֶענְדֶער וִוי פְרִיהֶער: „אִיךְ וִויל נִיט, רָחֶלֶ'ע, אָי, אִיךְ וִויל נִיט צוּם גֵייעֶן טַאטֶען פָארהרן!... הָאב רַחֲמָנוּת, נֶעהם מִיךְ מִיט רָחֶלֶ'ע!" „מִיטְגֶעהמֶען דִיךְ קָאן אִיךְ נִיט, אָרֶעם בְּרוּדֶערל!" אֶנְטְוָוערְט אִיהר צֶערִיסֶען הֶערְץ, „לוֹיף מִיט דַיינֶע יוּנְגֶע שְׁוַואכֶע פִיסֶעלֶעךְ, רֶעטֶע זִיךְ, מָאטֶעלֶע, דַיין נַייעֶר טַאטֶע יָאגְט אוּנְז בֵּיידֶען!"... אוּנ זִי לוֹיפְט וַוייטֶער, וַוייטֶער... אוֹיף לְהַכְעִיס הָאבֶען זִיךְ דִי שְׁטִילֶע גֶאסְלֶעךְ אַזוֹי לַאנְג אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוּנ זִי זֶעהט שָׂרֶה'לֶעס שְׁטִיבֶּעלֶע הֶעט וַוייט, וַוייט, אוּנ זִי פִיהלְט שׁוֹין דָאס הֶערְץ נִיט מֶעהר אִין זִיךְ. דִי פִיס זֶענֶען שְׁוֶוער גֶעוָוארן וִוי כֵּלַיי אוּנ דֶער אָטְהֶעם קָאנְצֶעט זִיךְ, אָט, אָט, זִי פַאלְט אִין חַלָשׁוֹת. „זֵיידֶע טְהַייעֶרֶער! הָאט זִי אִין זִיךְ גֶעשְׁרִיעֶן שְׁטִיץ דַיין קִינְד, וָואס עֶנְטְלוֹיפְט פוּן דַיין הויז! כֹּחַ גִיב מִיר, לָאז מִיךְ נִיט פַאלֶען אִין דִי הֶענְד פוּן דִי וָואס יָאגֶען זִיךְ נָאךְ מִיר! אָ, וִוי מִיד בִּין אִיךְ!" אַ שְׁטְרָאם נַייעֶ כֹּחוֹת הָאבֶען זִיךְ אַ גָאס גֶעטְהוּן אִין אַלֶע אִיהרֶע גְלִידֶער אוּנ זִי לוֹיפְט אָהן אַ אָטְהֶעם וַוייטֶער, וַוייטֶער... נָאךְ אַ פָּאר טְרִיט אוּנ אָט אִיז זִי שׁוֹין בַּיי שָׂרֶה'לֶעס שְׁטִיבֶּעלֶע. דָא הָאט זִי זִיךְ אָבְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ גֶעהָארְכְט. זִי הָאט גֶעהֶערְט וִוי שָׂרֶה'לֶע גֶעהמְט הָאלְץ אִין פָארְהוֹיז, גֶעוִוים דֶעם אוֹיוֶוען שׁוֹין אַיינְצוּהֵייצֶען. זִיא הָאט דִיא קְלַאמְקֶע פוּן טְהִיר אָנְגֶענוּמֶען, נוּר דִי טְהִיר הָאט זִיךְ נִיט גֶעאֶפֶענְט. לַאנְגְזַאם אוּנ שְׁטִיל הָאט זִיא אָנְגֶעקְלַאפְּט. „הֶטָא טַאם?" הָאט זִיךְ אַ קוֹל פוּן אִינְוֶוענִיג אָבְּגֶערוּפֶען. זִי ווִיל זָאגֶען: „אֶפֶענְט, שָׂרֶה'לֶע!" אָבֶּער דִי צוּנְג אִין גוּמֶען אִיז אִיהר פוּן לוֹיפֶען אַזוֹי אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט גֶעוָוארן אוּנ מִיט אַלֶער אַנְשְׁטְרֶענְגוּנְג קָאן זִי אֵיין אֵיינְצִיג וָוארְט נִיט אוֹיסְרֶעדֶען, דִי הֶאנְד צִיטֶערְן נוּר זִי הָאט נָאךְ כֹּחַ גֶעהַאט אוּנ נָאךְ אַ מָאל אַ קְלַאפּ גֶעטְהוּן. שָׂרֶה'לֶע הָאט אַ בִּיסְל דִי טְהִיר גֶעאֶפֶענְט, אַ קוּק גֶעטְהוּן וֶוער דָא קְלַאפְּט, אַז זִי הָאט אָבֶּער אַ פֶערְוִוִיקֶעלְט טוּיט פָּנִים פַאר זִיךְ דֶערְזֶעהן הָאט זִי זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנ גֶעוָואלְט דִיא טְהִיר צוּרִיק צוּמַאכֶען. „רַאטֶעוֶועט, מִיךְ שָׂרֶה'לֶע!" הָאט רָחֶלֶ'ע מִיט אַ פֶערְצְוֵוייפְלוּנְג צְרוֹיבְּגֶעשְׁרִיעֶן אוּנ אִין דֶער רֶגַע אִיז זִי שׁוֹין אִין אוּנְמַאכְט גֶעלֶעגֶען אִין שָׂרֶה'לֶעס אָרֶעם. שָׂרֶה'לֶע הָאט זִי מִיט וַואסֶער אָבְּגֶעשְׁפְּרִיצְט, מִיט אַ בִּיסֶעל עֶסִיג דִיא שְׁלֵייפֶען אַיינְגֶערִיבֶּען אוּנ גֶענֶעבֶּען רִיכֶען אִיהר הַאנְד, וֶועלְכֶע זִיא הָאט מִיט עֶסִיג בֶּענָאסֶען. רָחֶלֶ'ע אִיז צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען.

— „וָואס אִיז דִיר גֶעשֶׁעהן, רָחֶלֶ'ע? הָאט שָׂרֶה'לֶע מִיט אַנְגְסְט אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן, וֶועה אִיז מִיר, וִוינְד אִיז מִיר, אַ כַּלָּה אִין דֶער נַאכְט פַאר אִיהר חוּפָּה!" — זִי הָאט גֶעמֵיינְט: מִיט אִיהר הָאט עֶפִּיס נִיט נַאטִירְלִיכֶעס גֶעטְרָאפֶען.

— שְׁרֶעקְט אַייךְ נִיט, הָאט רָחֶלֶ'ע זֶעהר שְׁוַואךְ אוֹיסְגֶערֶעדְט, בֶּעהַאלְט מִיךְ, שָׂרֶה'לֶע, רַאטֶעוֶועט מַיין לֶעבֶּען פוּן אוּנְגְלִיק! הָאט אִיהר עֶרְגֶעץ אַ קֶעהלֶער, אַ גְרוּבּ אַ פִינְסְטֶערֶע, בֶּעגְרָאבְּט מִיךְ אַ לֶעבֶּעדִיגֶע, נוּר זָאגְט קֵיינֶעם נִיט וואוּ אִיךְ בִּין! שְׁפֶּעטֶער וֶועט אִיהר אַלְץ וִויסֶען אוּנ אַ בְּרֵירָה הָאבֶּען צוּ טְהוּן מִיט מִיר חֶסֶד צוּ נִיט; נוּר אִיצְט לָאזְט מִיךְ נִיט שְׁטַארְבֶּען אוֹיפְ'ן גַאס: צוּרִיק אַהֵיים וֶועל אִיךְ נִיט גֶעהן אוּנ וַוייטֶער לוֹיפֶען קָאן אִיךְ מֶעהר נִיט!

שָׂרֶה'לֶע הָאט מֶעהר נִיט אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט. זִיא הָאט זִיא כִּמְעַט אוֹיף זִיךְ אִין שְׁטִיבֶּעלֶע אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען. דִיא לָאדֶענְס זֶענֶען נָאךְ צוּגֶעמַאכְט גֶעוֶועזֶן אוּנ אִין דֶער פִינְסְטֶער הָאט זִיא אוֹיף אִיהר בֶּעט אַוֶועגְגֶעלֶעגְט, פַאנַאנְדֶער גֶעשְׁפִּילֶעט

אִיהרֶע קְלֵיידֶער אוּנ נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ בַּייסֶען אִיהרֶע הֶענְד אוּנ צוּ קוּשֶׁען זִיא. רָחֵלֶע אִיז וְויא אַ פֶערְשְׁטֵיינֶערְטֶע גֶעלֶעגֶען. שָׂרָה׳לֶע הָאט גֶעוֵויינְט קוּקֶענְדִיג וְויא דָאס שֶׁאן קִינְד פַאיינִיגְט זִיךְ פוּן אִיהרֶע הֶערְצֶענְס קְלֶעסוּנְג. עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיךְ אַ קְוַואל טְרֶערֶען גֶעעֶפֶענְט אִין רָחֵלֶ׳עס אוֹיגֶען אוּנ זִיא הָאט שְׁטִיל אוּנ בִּיטֶערְלֶעךְ גֶעוֵויינְט.

יאִיצְט אִיז מִיר גְרִינְגֶער, אַךְ שָׂרָה׳לֶע, וְויא גְרוֹיס אִיז אַייעֶר חֶסֶד מִיט מִיר! הָאט זִיא גֶעזָאגְט. פוּן מַיין אֵייגֶען הֵיים אוּנ אֵייגֶענֶער מוּטֶער בִּין אִיךְ עֶנְטְלָאפֶען אוּנ צוּ אַייךְ זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען גֶעקוּמֶען. נֶעהְמְט מִיךְ צוּ, בֶּעהַאלְט מִיךְ. נֵיין, אִיהר ווִילְט נִיט, אִיךְ זָאל פוּן בְּרִיק אִין וַואסֶער לוֹיפֶען!

— זַיי רוּהִיג, רָחֵלֶע! אִיךְ ווֵייס, אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה שׁוֹין אַלְץ. הָאט שָׂרָה׳לֶע גֶעעֶנְטְווֶערְט. פֵיינֶע הָאט מִיר נָאךְ לַאנְג גֶעזָאגְט, אַז עֶס וֶועט בַּיי דִיר קֵיין חֲתוּנָה נִיט זַיין מִיט דֶעם חָתָן וֶועלְכְן דַיין מַאמֶע הָאט פַאר דִיר אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען. אִין שְׁטֶעדְטֶעל הָאט מֶען אוֹיךְ פִיעל זִיךְ אָנְגֶערֶעדְט. נוּר לֶעדִיגֶע מַיילֶער. וָואס דֶען הָאבֶּען זֵיי צוּ טְהוּן אַז נִיט יֶענֶעמְ׳ס דַאֲגָה צוּ פֶערְדַאגֶהן?

אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ מוֹרָא פַאר דַיין מַאמֶען אוּנ זִיא וֶועט גֶערֶעכְט זַיין וָואס זִיא וֶועט מִיר נִיט טְהוּן; אָבֶער אִיךְ בִּין דִיר מֶעהר שׁוּלְדִיג וְויא מַיין לֶעבֶּען! דוּא הָאסְט מִיר דָאס לֶעבִּין דֶערְהַאלְטֶען אוּנ נִיט אֵיינְמָאל מִיךְ אוּנ מַיין קִינְד פוּן נוֹיטְה גֶערַאטֶעוֶועט. פַאר וָואס זָאל אִיךְ דִיר נִיט אָפְּדִינֶען אִין דַיין נוֹיטְה? הָאבּ קֵיין מוֹרָא וְויא אוּנְזֶער מוּטֶער יוֹכֶבֶד הָאט אִיהר טְהַייעֶר קִינְד בֶּעהַאלְטֶען פוּן דֶער גְזֵירָה פוּן מִצְרַיִם וֶוען מֶען הָאט יוּדִישֶׁע קִינְדֶער לֶעבֶּעדִיגֶע אִין טַייךְ אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען. אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אוּנ וְויא מַיין אוֹיג פוּן מַיין קָאפּ דִיךְ אָבְּהִיטֶען, אוּנ אַזוֹי וְויא משֶׁה רַבֵּינוּ הָאט זַיין מַאמֶעס פִיער ווִינְקֶעלֶעךְ לִיכְטִיג גֶעמַאכְט. אַזוֹי וֶועסְטוּ מַיין אָרֶעם שְׁטִיבֶּעלֶע לִיכְטִיג מַאכֶען וְויא לַאנְג דוּא וֶועסְט נָאר וֶועלְן זַיין בַּיי אוּנְז... נֶעהם זִיךְ נוּר נִיט צוּם הֶערְצֶען, אַזוֹי גִיךְ זָאל אִיךְ אוֹיפְגֶעריכְט ווֶערְן וְויא גִיךְ דוּא וֶועסְט צוּרִיק גְלִיקְלִיךְ זַיין אוּנ אִין פְרֵיידֶען דָאס אַלְץ דֶערְצֶעהלֶן!

רָחֵלֶע הָאט גֶעהְלִיפֶּעט אוּנ שָׂרָה׳לֶעס הַאנְד נִיט אַרוֹיסְגֶעלָאזֶען.

— לָאז מִיךְ רָחֵלֶע, הָאט שָׂרָה׳לֶע גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ וֶועל מַיין מַאמֶען אוֹיפְוֶועקֶען. מִיר וֶועלן פַאר דִיר אַ חֲדֶר׳ל צוּפוּטְצֶען. הָאבּ קֵיין מוֹרָא פַאר מַיין מוּטֶער. זִיא ווֵייס ווִיפִיעל אִיךְ בִּין דִיר שׁוּלְדִיג. בֵּיידֶע וֶועלן מִיר דַיינֶע שׁוֹמְרִים זַיין. וְויא לַאנְג דוּא וֶועסְט אוּנְזֶער הִיטֶען נָאךְ דַארְפֶען.

אִיהר צוּ בֶּערוּהִיגֶען הָאט שָׂרָה׳לֶע זִיא אוֹיפ׳ן כּוֹיֶדעם דֶערְוַוייל אַרוֹיפְגֶעפִיהְרְט, אוֹיפְגֶעוֶועקְט דִיא מוּטֶער אִיהרֶע, אִיהר אַלְץ דֶערְצֶעהלְט אוּנ נָאךְ אֵיידֶער דִיא זוּנְן אִיז אַרוֹיס הָאבֶּען דִיא בֵּיידֶע פְרוֹיעֶן אַ הִינְטֶער חֲדֶר׳ל. וואוּ זֵיי הָאבֶּען שְׁטֶאנְדִיג זֵייעֶרֶע דֵייזֶעס אוּנ מוּלְטֶערְס גֶעהַאלְטֶען — צוּגֶעקְלִיבֶּען, אַ רֵיין בֶּעטֶעלֶע צוּגֶעפּוּצְט אוּנ רָחֵלֶ׳ען אִין אִיהר זִיכֶער אָרְט אַרַיינְגֶעפִיהְרְט. פוּן זִיכֶערְקֵייט וֶועגֶען הָאבֶּען זֵייא דִיא טְהִיר פוּן זֵייעֶר חֲדֶר וָואס פִיהְרְט אִין דֶעם צִימֶערל אַרַיין, פֶערְשְׁטֶעלְט מִיט מוּלְטֶערְס אוּנ דֶעם אַרַיינְגַאנְג צוּ אִיהר גֶעמַאכְט פוּן צְווִישֶׁען אוֹיוֶוען, וואוּ זֵיי הָאבֶּען אַ בְּרֶעט פוּן שֵׁייד־וֶואנְטֶעל אוֹיפְגֶעריסֶען. אוֹיךְ דִי לָאדֶען הָאבֶּען זֵייא מִיט אַ בְּרֶעט פֶערְשְׁלָאגֶען אוּנ רָחֵלֶע הָאט שׁוֹין מֶעהר דִיא לִיכְטִיגֶע שַׁיין נִיט גֶעזֶעהן.

## י״א.

חַייֶעלֶע הָאט רוּהִיג גֶעשְׁלָאפֶען בִּיז נָאךְ הַאלְבֶּער נַאכְט. נוּר פִּיער אַ זֵייגֶער הָאט זִיא זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט, אִיהר הָאט גֶעדַאכְט: זִיא הָאט טְרִיט גֶעהֶערְט אוּנ וָוער קָאן עֶס אַזוֹי שְׁפֶּעט אוּמְגֶעהן? „וָוער אִיז דָארְט?״ הָאט זִיא גֶעפְרֶעגְט, אָבֶּער אַזוֹי וִויא קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶערוּפֶען הָאט זִיא גֶעמֵיינְט צוּרִיק עֶנְטְשְׁלָאפֶען צוּ וָוערן. נִיטָא אָבֶּער אַזַא לְהַכְעִיס׳נִיק וִויא דֶער שְׁלָאף: וַויל מֶען זִיךְ פוּן אִיהם בֶּעפְרַייֶען אוּנ נַאךְ זַיין, וַוארְפְט עֶר זִיךְ אָן וִויא אַ שְׁוֶוערֶע לַאסְט אוֹיף אוּנְז, פֶערְקְלֶעבְּט דִיא אוֹיגֶען, פַּיינִיגְט אוּנְז, בִּיז מִיר גִיבֶּען זִיךְ אִיהם אִיבֶּער, — זוּכְט מֶען אִיהם אוּנ מֶען וִויל גֶערן זִיךְ אִין זַיינֶע אָרֶעמְס וַוארְפֶען — עֶנְטְלוֹיפְט עֶר פוּן אוּנְז אוּנ אוּמְזִיסְט אִיז אוּנְזֶער וַוארְטֶען אוּנ בֶּעטְגֶען נָאךְ אִיהם. חַייֶעלֶע הָאט נָאךְ גֶערן גֶעוָואלְט שְׁלָאפֶען אַ פָּאר שָׁעָה; אָבֶּער עֶס שְׁלָאפְט זִיךְ נִיט אוּנ גֶעדַאנְקֶען מִישֶׁען זִיךְ, נוּר פוּן אַלֶע גֶעדַאנְקֶען שְׁרֶעקְט זִיא זִיךְ נִיט אַזוֹי, וִויא פַאר דֶעם גֶעדַאנְק פוּן דֶעם קוּמֶענְדֶען טָאג. „וִויא ווִילְט זִיךְ מִיר שׁוֹין מִיט אֵיין טָאג אֶלְטֶער זַיין!״ הָאט זִיא אַזוֹי לִיגֶענְדִיג פַאר זִיךְ אִיבֶּערְגֶערֶעדְט. אַ בַּארְג אַ גַאנְצֶער וָואלְט מִיר פוּן מַיינֶע פְּלֵייצֶעס אַרָאפּ! וִויא דֶערְלֶעבּ אִיךְ, עֶר זָאל אִיהר שׁוֹין דָאס פִינְגֶערל אָנְטְהוּן! וָוער וֶועט צוּ מִיר גְלַייךְ זַיין! אִיךְ וָואלְט עֶרְסְט ווִיסֶען אַז אִיךְ לֶעבּ אוּנ מֶאג לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט! נוּר אִיצְט אִיז מִיר נָאךְ דֶער קָאפּ אַרָאבְּגֶענוּמֶען אוּנ אִיךְ וֵוייס גָאר נִיט, וִויא וֶועל אִיךְ יוֹצֵא זַיין פַאר נִיטֶעלֶען דֶעם רֶבִּינְ׳ס, אִיהר צוּ צוּנֶעהמֶען מִיט כָּבוֹד, וִויא זִיא הָאט מִיךְ מִיט כָּבוֹד צוּגֶענוּמֶען, אַז אִיךְ בִּין בַּיי אִיהר אַ גַאסְט גֶעוֶועזֶען? עֶס אִיז אָבֶּער קֵיין תֵּרוּץ נִיט. אִיךְ מוּז פַאר נִיטֶעלֶען פַארַאד מַאכֶען, חָאטְשׁ כֹּחוֹת אַוֶועקְלֶעגֶען, זָאל זִיא צוּפְרִיעדֶען זַיין. — זָאל זִיא טַאקִי ווִיסֶען, אַז נָאךְ בִּיז מַיין חוּפָּה, אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה, בִּין אִיךְ עֶפִּיס אוֹיךְ נִיט גֶעוֶועזֶען אַ בִּי וֶוער! זָאל זִיא ווִיסֶען וֶוער חַייֶעלֶע אִיז פוּן דֶער הֵיים!״ אִין אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען אִיז זִיא גֶעלֶעגֶען אוּנ גֶעהֶערְט וִויא דֶער זֵייגֶער הָאט פִיער אוּנ פִינְף גֶעשְׁלָאגֶען. הַאלְבּ זֶעכְס אִיז זִיא פוּן בֶּעט אַרָאפּ אוּנ בַּאלְד אִין קִיךְ אַרַיין, דָא הָאט זִיא זִיךְ גוּט אָנְגֶעשְׁרִיעֶן, וָואס דִיא בֶּעדִינְטֶע אוּנ סַארְוֶוער הָאבֶּען גָאר קֵיין גָאט אִין הַארְצֶען נִיט נָאךְ צוּ שְׁלָאפֶען צוּ אַזַא צַייט וָואס יֶעדֶע מִינוּט אִיז טְהַייֶער. זִיא הָאט אוֹיךְ פֵייגֶען קֵיין גוּטְס נִיט גֶעוואוּנְשֶׁען, וָואס זִיא הָאט קֵיין אַנְדֶער צַייט גֶעפוּנֶען וֶוען קְרַאנְק צוּ זַיין נוּר אִיצְט, צוּ אִיהר רָהֶעלֶ׳עס חַתוּנָה, בְּעֵת זִיא הָאט נִיט אִין קִיךְ אַ טְרַייֶ אוֹיג אַכְטוּנְג צוּ גֶעבֶּען הָאטְשׁ, מוּז אַלֵיין אוּמֶעטוּם זַיין, אַלֵיין אַלְץ דֶערְמָאנֶען. זִיא אִיז פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען צוּ פֵייגֶען אִין שְׁטִיבֶּעלֶע אַרַיין אַ קוּק טְהוּן: טָאמֶער וֶועט זִיא קָאנֶען זִיךְ אַ כֹּחַ אָנְטְהוּן אוּנ אַרָאבְּקְרִיכֶען פוּן בֶּעט, חָאטְשׁ נִיט הֶעלְפֶען טְהוּן נוּר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען; אָבֶּער פֵייגֶען אִיז הַיינְט נָאךְ עֶרְגֶער גֶעוֶועזֶען אוּנ חַייֶעלֶע הָאט אַ בְּרַחֲמָנוּת גֶעפִיהלְט דֶער אַלְטֶערְס שְׁמֶערְצֶען אוּנ עֶלֶענְד צוּ צוּזֶעהן.

— אִיהר פֶעהלְט מִיר, פֵייגֶע! הָאט זִיא בֶּעדוֹיעֶרְנְד אוֹיסְגֶערֶעדְט. וִויא אָהן אַ הַאנְד בִּין אִיךְ אָהן אַייךְ. זֶעהט הָאטְשׁ, אִיהר זָאלְט קָאנֶען צוּ דֶער חוּפָּה זַיין! אַייעֶר רָהֶעלֶע, פֵייגֶע! אַייעֶרֶע אִיז זִיא דָאךְ, אִיהר הָאט זִיא דָאךְ אַלְס קִינְד בַּיי מִיר

אָבְּגֶעקוֹיפְט פַּאר אַבְּצֶעהן גְרָאשֶׁען . וָוערְט גֶעזוּנְד אוּנ בֶּענְטְשְׁט מַיין קִינְד צוּ אִיהר חוּפָּה אִין אַגוּטֶער שָׁעָה!

– איךְ דַאנְק אַייךְ , חַייעֶלֶע! הָאט דִיא קְרַאנְקֶע מִיט טְהְרֶערן אִין אִיהרֶע אוֹיגֶען אוֹיסְגֶעקְרֶעכְצְט . מַיין גַאנְץ לֶעבֶּען וָואלְט אִיךְ אַוֶּועקְגֶעשֶׁענְקֶען פַּאר הַיינְטִיגֶען טָאג גֶעזוּנְד צוּ זַיין , אִיךְ זָאל קָאנֶען דִינֶען מַיין רָחֶלֶען וִויא אִיךְ וִויל... נוּר וָואס הֶעלְפְט אַ מֶענְשֶׁענְס וֶועלְן, וֶוען נָאט דֶער' לֶעבֶּעדִינֶער וִויל נִיט? אִיהם בֶּעט אִיךְ : זָאל עֶר אִיהר בַּיישְׁטֶעהן הַיינְטִיגֶען טָאג אוּנ אַלֶע מָאל !...' אִין דֶער צַייט הָאבֶּען דִיא פִּיטֶער לֶעבֶּעדִיגֶע קַארְפֶּען אוּנ הֶעכְט גֶעבְּרֶענְט אוּנ חַייעֶלֶע אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אָנְזָאגֶען וִויא עֶס אַיינְצוּטְהֵיילֶען, וִויא עֶס צוּ קָאכֶען , מֶען זָאל נוּר נִיט זְשַׁלָאוֶען אוּנ שְׁנַיידֶען גְרוֹיסֶע חֲלָקִים , עֶס זָאל שֶׁאן זַיין אוּנ אִיז אִין שְׁטוּב אַריין מְהַיי טְרִינְקֶען . אִיהר הָאט הַנָאָה גֶעטְהוּן וָואס רָחֶלֶ'ע שְׁלָאפְט נָאךְ אוּנ הָאט גֶעבֶּעטֶען דִיא סַארְוֶוער נִיט קְלַאפֶּען אוּנ נִיט רוֹישֶׁען . „מַיין כַּלָה זָאל גֶעזוּנְד זַיין, שְׁלָאפְט נָאךְ . זָאל אִיהר מַזָל וַואקְסֶען. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם ! הָאט זִיא צוּ טְרַיינֶע דֶער חֲתוּנָה קָאכִין גֶעזָאגְט , זִיא דַארְף גֶעבִּיךְ פַאסְטֶען אַזַא טָאג אַ יָאהר , נָאט זָאל אִיהר נוּר כּחוֹת גֶעבֶּען , מַיין פְרוּם קִינְד !' טְרַיינֶע הָאט אַ עֵצָה גֶעגֶעבֶּען : מֶען זָאל דִיא חוּפָּה שְׁטֶעלֶען פְרִיהֶער אוּנ הָאט פֶערְזִיכֶערְט אַז פוּן אִיהר צַייט וֶועט קֵיין מְנִיעָה זַיין , אָבֶּער חַייעֶלֶ'ע הָאט עֶרְקְלֶערְט אַז מֶען קָאן נִיט אוֹיסְרֶעכֶענֶען : „נָאט וֵייס וֶוען דִיא מְהַייעֶרֶע גֶעסְט , דֶעם רֶבִּינְס קִינְדֶער זָאלְלֶען לֶעבֶּען , וֶועלֶען אָנְקוּמֶען ; אָהן זֵיי וֶועט מֶען דִיא חוּפָּה גֶעווִיס נִיט שְׁטֶעלֶען". אַז דֶער זֵייגֶער הָאט שׁוֹין אַכְט גֶעשְׁלָאגֶען אָבְּגֶעשְׁלָאגֶען אוּנ אִין שְׁטוּב אִיז שׁוֹין אוּנְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶועזֶען אַיינְצוּהַאלְטֶען דִיא שְׁטִילְקֵייט , אִיז חַייעֶלֶע זֶעהר פֶארְזִיכְטִיג צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ רָחֶלֶ'עס טְהִיר אַ קוּק טְהוּן טָאמֶער אִיז זִיא שׁוֹין וַואךְ . זִיא הָאט פֶארְזִיכְטִיג אַ בִּיסֶעל דִיא טְהִיר גֶעעֶפֶענְט . דֶער פָארְהַאנְג פַאר רָחֶלֶ'עס בֶּעט אִיז אַרָאבְּגֶעלָאזֶען גֶעוֶועזֶען . „דוּא שְׁלָאפְסְט נָאךְ , מַיין קְרוֹין ?" הָאט דִיא מוּטֶער שְׁטִיל גֶעפְרֶעגְט . עֶס אִיז קֵיין תְּשׁוּבָה נִיט גֶעוֶועזֶען . „רָחֶלֶע מַיין גָאלְד", הָאט זִיא זֶעהר צֶארְטְלִיךְ נָאךְ אַ מָאל גֶעזָאגְט , שׁוֹין צַייט אֶפְשָׁר אוֹיפְצוּשְׁטֶעהן ? מֶען הָאט זִיךְ ווִידֶער נִיט אָבְּגֶערוּפֶען . חַייעֶלֶע אִיז אִין חֶדֶר אַריין . אוּנ זֶעלְבְּסְט אַ אָטְהֶעמ'צוּג פוּן אַ שְׁלָאפֶענְדֶע הָאט זִיא דָא אוֹיךְ נִיט גֶעהֶערְט , אַ בֶּאזֶע מַחֲשָׁבָה הָאט זִיךְ אוּנְבֶּעוואוּסְט אִין אִיהר הַערְץ אַריינְגֶעחַאפְּט . מִיט צִיטֶערְנְדֶע הֶענְד הָאט זִיא דֶעם פָארְהַאנְג פַאנַאנְדֶער גֶענוּמֶען אוּנ אַז זִיא הָאט דִיא בֶּעט אִין אָרְדְנוּנְג גֶעפוּנֶען אַזוֹי וִויא קֵיינֶער וָואלְט זִיךְ דִיא נַאכְט גָאר נִיט צוּגֶערִיהְרְט , הָאט זִיא מִיט שְׁרֶעק אוּנ אַנְגְסְט אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן : „נִיט גוּט אִיז מִיר , אַ וֶועהטִיג הָאט מִיךְ גֶעטְרָאפֶען , גֶעוַואלְד , רַאטֶעוֶועט !"

מֶען אִיז אִין צִימֶער אַריינְגֶעלָאפֶען חַייעֶלֶ'ען דֶערְהַאלְטֶען זִיא זָאל נִיט חַלָשׁ'ן . וָואס אִיז גֶעשֶׁעהן ? וָואס הָאט גֶעטְרָאפֶען ? הָאבֶּען דִיא מֶענְשֶׁען גֶעפְרֶעגְט נִיט וִויסֶענְדִיג דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן חַייעֶלֶ'עס גֶעשְׁרֵיי אוּנ שְׁרֶעק . „מַיין רָחֶלֶע וואוּ אִיז ?" הָאט זִיא גֶעשְׁרִיעֶן פוּן צִימֶער אַרוֹיסְלוֹיפֶענְדִיג . „וואוּ אִיז מַיין כַּלָה , מַיין קִינְד , מַיין קְרוֹין פוּן מַיין קָאפּ ?" דִיא סוּמַאטָאכֶע אִיז גְרוֹיס גֶעוָוארְן , אֵיינֶער הָאט בַּיי דֶעם אַנְדֶערְן גֶעפְרֶעגְט אוּנ קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ עֶנְטְפֶערְן . מֶען אִיז בַּאלְד צוּ דִיא קִינְדֶער אִין צִימֶער אַריין אוּנ מָאטֶעלֶע הָאט דֶערְצֶעהלְט : „בַּיי נַאכְט אִיז רָחֶלֶע גֶעבֶּען מַיין בֶּעטֶעל גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ זִיא הָאט אַזוֹי גֶעוויינְט , מַאמֶע , אוֹי , אִיךְ הָאבּ אַזוֹי רַחֲמָנוּת גֶעהַאט , נוּר אִיךְ הָאבּ

אַזוֹי גֶעוָואלְט שְׁלָאפֶען אוּנ נִיט גֶעהֶערְט וָואס זִיא הָאט גֶעזָאגְט׳. מֶען אִיז גֶעלָאפֶען אִין סָאד זִיא זוּכֶען, מֶען הָאט פֵיינֶען גֶעפְרֶאגְט, נוּר פֵיינֶע אִיז זֶעהר קְרַאנְק גֶעוֶועזֶן אוּנ הָאט גֶעקְרֶעכְצְט, מֶען הָאט נוּר גֶעהֶערְט וְויא זִיא רֶעדְט צוּ זִיךְ: ״מַיין רָחֶלֶ׳ע אִיז מִיט אִיהר זֵיידֶען ר׳ אַבְרָהָם׳ן אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אִין נָאכְט וֶועט הָאט עֶר זִיא גֶעפִיהְרְט... גִישְׁקָשֶׁה, עֶר וֶועט זִיא פוּן וֶועג נִיט אַרָאבְּפִיהרן!״ אַלֶע וָואס הָאבֶען דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעהֶערְט הָאבֶען אָנְגֶענוּמֶען, אַז פֵיינֶע רֶעדְט פוּן הִיטְץ אוּנ זִיא וֵוייס אַלֵיין נִיט וָואס זִי זָאגְט. מֶען אִיז צוּם פֶעטֶער גֶעלָאפֶען, טָאמֶער אִיז זִיא בַּיי אִיהם. חַייֶעלֶע הָאט נָאךְ גֶעהָאפְט זִיא אִיז גֶעוֶוען בַּיי אִיהם. נוּר עֶס זֶענֶען קוֹים צֶעהְן מִינוּט אַרִיבֶּער הָאט זִיא דֶערְזֶעהְן וְויא ר׳ שְׁלמה אוּנ זַיין דְבוֹרָה לוֹיפֶען צוּשְׁרָאקֶענֶע. פוּן זֵייעֶר לוֹיפֶען אוּנ צוּשְׁרָאקֶענֶעם אוֹיסְזֶעהְן הָאט זִיא גֶעמֵיינְט: עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען, מִיט אִיהר קִינְד הָאט דִיא נַאכְט אַ גְרוֹיס אוּנְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען אוּנ זִיא הָאט פוּן שְׁרֶעק צוּ חַלָשׁ׳ן אָנְגֶעהוֹיבֶּען. אוֹיף אִיהר קְוֶוקֶענְדִיג הָאט זִיךְ ר׳ שְׁלֹמֹה נָאךְ מֶעהר דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנ הָאט גֶעמֵיינְט: חַייֶעלֶע וֵוייס שׁוֹין מִסְתָמָא אַז דָאס אוּנְגְלִיק אִיז גְרוֹיס.

״גִיטָא! ? הָאט עֶר צִיטֶערֶענְד אוֹיסְגֶערֶעדְט. אִיךְ בִּין שׁוּלְדִיג! אִיךְ, אִיךְ! מַיינֶע עֲבֵירָה הָאבּ אִיךְ מִיט אִיהר יוּנְג בְּלוּט אָבְּגֶעפָארְבֶּען!... פוּן מִיר וֶועט זִיא אִיהר טַאטֶע מָאהנֶען... דוּא, חַייֶעלֶע, בִּיזְט אַ יוּדֶענֶע, אַ אַיינְגֶעשְׁפַּארְטֶע זַאךְ אָט אַזוֹי וִוילְסְטוּ אוּנ קֵיינֶער טָאהר דִיר קֵיין דֵעָה זָאגֶען; אָבֶּער אִיךְ אַלְטֶער יוּד הָאבּ בֶּעדַארְפְט קְלִינְגֶער זַיין אוּנ זִיךְ צוּהֶערן צוּ אִיהר גֶעוֵויין אוּנ בֶּעטֶען זִיךְ... נוּ הָאבֶּען מִיר בֵּיידֶע שֶׁאן אוֹיסְגֶעפִיהְרְט, אָט בִּין אִיךְ אַמְחוּתָן... אוּנ נַא דִיר מַאמֶע, אַ חֲתוּנָה!... זִיא הָאט זִיךְ אַ מִיתָה אָנְגֶעטְהוּן, דָאס אִיז בַּיי מִיר בָּרוּר כַּשֶׁמֶשׁ!״

חַייֶעלֶע הָאט דִיא הֶענְד גֶעבְּרָאכֶען אוּנ גֶעוֵויינְט, ר׳ שְׁלמה הָאט וְויא מְשׁוּגָע דִי הָאר פוּן קָאפּ אוּנ פוּן בָּארְד גֶערִיסֶען אוּנ בַּייא אַלֶעם וָואס הָאבֶען דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע סְצֶענֶע צוּגֶעזֶעהְן אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען גֶעוֶועזֶן, אַז רָחֶלֶע הָאט זִיךְ דָאס לֶעבֶּען גֶענוּמֶען. מֶען אִיז צוּם טַייךְ גֶעלָאפֶען, אוּנ אֵיין וַואכֶערְטְרֶאגֶער הָאט דֶערְצֶעהלְט: גֶעהֶענְדִיג מִיט פוּלֶע עֶמֶער פוּן טַייךְ הָאט עֶר פִיעֶר אַ זֵיינֶער פַאר טָאג גֶעזֶעהְן, וְוי אַ פֶערְווִיקֶעלְטֶער מֶענְשׁ הָאט זִיךְ לוֹיפֶען גֶעלָאזְט צוּם טַייךְ. דֶערְנָאךְ אַז עֶר אִיז צוּרִיק מִיט דִי לֶעדִיגֶע עֶמֶער צוּם טַייךְ גֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעזֶעהְן, וְויא אַ בּוֹיעֶר הָאט פוּן בְּרֶעג צוּגֶענוּמֶען אַ פֶּעקֶעל זַאכֶען אִין זַיין וָואגֶען אַרַיין אוּנ אִיז גִיךְ אַוֶועקְגֶעפָאהרן״. דֶעם וַואסֶער־טְרֶאגֶער הָאט מֶען בַּאלְד צוּ חַייֶעלֶען גֶעבְּרַאכְט. אַנְפַאנְגְס הָאט עֶר אוֹיף קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט גֶעקְלֶערְט אוּנ הָאט דֶערְצֶעהלְט אֶפְשַׁר וָואס עֶר הָאט טַאקִי גֶעזֶעהְן. אָבֶּער אַז עֶר הָאט דֶערְזֶעהְן וָואס פַאר אַ יְלָלָה דָא אִיז, הָאט עֶר מוֹרָא גֶעהַאט, מֶען זָאל אִיהם נִיט שׁוּלְדִיג מַאכֶען, אַז עֶר הָאט גֶעקָאנְט רַאטֶעוֶוען אוּנ הָאט נִיט גֶערַאטֶעוֶועט הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָבְּצוּלֵייקֶענֶען; אָבֶּער וָואס מֶעהר עֶר הָאט גֶעלֵייקֶענְט דָאס אִיז בַּיי אַלֶעמֶען קְלָאר גֶעוָוארן, אַז עֶר וֵוייס אוּנ וִויל נִיט זָאגֶען, אוּנ מֶען הָאט גוּטֶען אוּנ מִיט בֵּאזֶען פֶערְלַאנְגְט עֶר זָאל זָאגֶען. אַז מִיט גוּטֶען אוּנ מִיט בֶּאזֶען הָאט פוּן אִיהם מֶעהר אַ וָוארְט נִיט אַרוֹיסְבֶּעקוּמֶען הָאט מֶען אִיהם מִיט גֶעוַואלְד אָנְגֶעשְׁ אוּנ שְׁכּוּרְדְהַייט הָאט עֶר דֶערְצֶעהלְט: ״אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהְן וְוי רָחֶלֶ׳ע הָאט זִיךְ גֶעטְרוּנְ. אִיךְ הָאבּ זִי גֶעוָואלְט רַאטֶעוֶוען, נוּר בִּיז אִיךְ בִּין צוּם בְּרֶעג צוּגֶעלָאפֶען אִיז זִיא

צום גְרוּנְד אַרָאפּ״. הוּנְדֶערְטֶער מֶענְשֶׁען זֶענֶען נָאכְגֶעלָאפֶען נָאךְ אִיהם בְּעֵת עֶר הָאט גֶעפִּיהְרְט וַוייזֶען דֶעם אָרְט וואוּ רָחֵל'ע הָאט זִיךְ דֶערְטְרוּנְקֶען. מֶען הָאט מִיט שִׁיפְלֶעךְ אוּנ מִיט לַאנְגֶע שְׁטֶעקֶענְס דֶעם גַאנְצֶען טַייךְ דוּרְכְגֶעזוּכְט, אָבֶער אַלֶץ אוּמְזִיסְט. מֶען הָאט אוֹיפֶן מַארְק בַּיי אַלֶע פּוֹיערְן דִי וֶועגֶען בֶּעזוּכְט, אוּנ קֵיין זֵכֶר פוּן דֶער דֶערְטְרוּנְקֶענֶער נִיט גֶעפִינֶען. ר' הֶענִיךְ הָאט דָאס אוּנְגְלִיק דֶערְהֶערְט אוּנ אִיז מִיט זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְד גֶעקוּמֶען צוּ לוֹיפֶען אוּנ דָאס גֶעוַויין אִין שְׁטוּבּ אִיז נָאךְ גְרֶעסֶער גֶעוָוארְן. שִׁימְעלֶע הָאט עֶס אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ דֶערְהֶערְט אוּנ אִיז אִין מִיטֶען דַאוֶונֶען גֶעקוּמֶען צוּלוֹיפֶען, „דָאס הַארְץ זָאגְט מִיר״ הָאט עֶר גֶעזָאגְט, רָחֵל'ע לֶעבְּט, זִי מוּז לֶעבֶּען אוּנ וֶועט לֶעבֶּען! דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען וֶועט נִיט זָאגֶען אַזַאךְ, וָואס עֶס קָאן נִיט זַיין! עֶס אִיז נוּר אַ עֲוְלָה אַ גְרוֹיסֶע וָואס מֶען הָאט דִיא גְמָרָא פֶערְגֶעסֶען, אַז מֶען דַארְף הִיטֶען אַ כַּלָה אִין דִי טֶעג פוּן דֶער חֲתוּנָה... זָאל מֶען קְלַאפֶּען אַ דֶעפֶּעשֶׁע צוּ אִיהם זָאל לֶעבֶּען, זָאל עֶר טְהוּן, פָאלְגְט מִיר, קְלַאפְּט שׁוֹין אַ טֶעלֶעגְרַאף!״

שִׁימְעלֶעס טְרֶאסְט הָאט דֶעם עוֹלָם אַבִּיסֶעל אוֹיסְגֶעצוּבֶּעט. יֶעדֶער הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט טְרֶאסְטֶען, מֶען הָאט בַּאלְד טֶעלֶעגְרַאפִירְט. דֶער חָתָן אָבֶּער הָאט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט טְרֶאסְטֶען, עֶר הָאט גֶעשְׁוָוארְן, אַז אוֹיבּ דִי כַּלָה וֶועט זִיךְ נִיט גֶעפִינֶען, וֶועט עֶר זִיךְ הֶענְגֶען אָדֶער טְרֶענְקֶען. עֶר הָאט זִיךְ מִיט פוּנְפְצִיג רוּבֶּעל אַ מַתָּנָה אוֹיסְגֶערוּפֶען וֶוער עֶס וֶועט אִיהם בְּרֶענְגֶען אַ יְדִיעָה אַז זַיין כַּלָה לֶעבְּט.

אִין קִיךְ הָאט מֶען דָאס פַייֶער אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען אוּנ אִין שְׁטוּבּ הָאט מֶען קַאלְטֶע טִיבֶער חַייעלֶען צוּם קָאפּ גֶעלֶעגְט. ר' שְׁלֹמֹה אִיז וִויא מְשׁוּגָע גֶעוֶועסֶן, מִיט קֵיינֶעם אַ וָוארְט נִיט גֶערֶעדְט, ר' הֶענִיךְ מִיט זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְד זֶענֶען דֶעם גַאנְצֶען טָאג דָא גֶעבְּלִיבֶּען. דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטֶעל הָאט גֶעקָאכְט וִויא אַ קֶעסֶעל אוּנ קְרוֹבִים אוּנ פְרֶעמְדֶע זַיינֶען אִין שְׁטוּבּ אוּנ אַרוּם שְׁטוּבּ גֶעשְׁטַאנֶען. מֶען הָאט מִיט אוּנְגֶעדוּלְד עֶרְוַוארְטֶעט דִי תְּשׁוּבָה פוּן אִיהם זָאל לֶעבֶּען. אַזֵייגֶער אֵיינְס אִיז דִי תְּשׁוּבָה אָנְגֶעקוּמֶען.

„רֶבִּי טְהוּט, טְהֵיילְט צְדָקָה, זוּכְט, אִיהר וֶועט גֶעפִינֶען!״

דִיא טֶעלֶעגְרַאמֶע הָאט דֶעם עוֹלָם אַנַייעֶ נְשָׁמָה אַרַיינְגֶעגֶעבֶּען. „זֶעהְט אִיהר, וָואס הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעזָאגְט?״ הָאט שִׁמְעוֹן וִוי מִיט נִצָּחוֹן גֶערֶעדְט, זִיא לֶעבְּט, דֶער רֶבִּי וַוייס גֶעוִויס אַז זִי לֶעבְּט, דֶערְפַאר הֵייסְט עֶר זִי זוּכֶען.

– הַלְוַאי זָאלְט אִיהר אֱמֶת זָאגֶען, הָאט ר' שְׁלֹמֹה מִיט טְהרֶערן גֶעאֶנְטְוֶוערְט. נוּר וואוּ זוּכְט מֶען זִי? מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זוּכֶען אוֹיף אַלֶע בֵּיידֶעמ'ס אוּנ אִין אַלֶע קֶעלֶערְן, מֶען הָאט בַּיי שְׁכֵנִים גֶעזוּכְט, אוּנ אַז מֶען הָאט בַּייא אִיהר אִין צִימֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיבֶּערְקוּקֶען וֶועלְכֶע פוּן אִיהרֶע קְלֵיידֶער עֶס פֶעהְלֶען, הָאט מֶען אוּנְטֶער אִיהר לָאמְפּ. אַ בְּרִיוָועלֶע גֶעפוּנֶען:

„לִיעבֶּע מוּטֶער אוּנ לִיעבֶּער פֶעטֶער!

נִיט זִיךְ צוּ עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען נוּר אַייךְ צוּ בֶּערוּהִיגֶען שְׁרַייבּ אִיךְ אִיצְט מִיט אַ צִיטֶערְנְדֶער הַאנְד דִי עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער! אַ אַנְדֶערֶע אוֹיף מַיין אָרְט וָואלְט אֶפְּשָׁר אַנְדֶערְשׁ גֶעטְהוּן, נוּר וַוייל אִיךְ הָאבּ נָאךְ אִין מַיין לֶעבֶּען נִיט גֶעהֶערְט, אַז אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער זָאל אִין זִיךְ אַזוֹי פִיעל הָעְזָה, אָדֶער מוּטָה הָאבֶּען, צוּ דֶער חוּפָּה נִיט צוּ גֶעהְן,

בְּעֵת כְּלֵי זֶמֶר שְׁפִּילֶן אוּנ דֶער חָתָן וַוארְט שׁוֹין דָארְט אוֹיפְ׳ן שׁוּלְהוֹיף אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה אוֹיף אִיהר – אִיז מִיר נוּר אֵיין וֶוענ גֶעבְּלִיבֶּען: נָאךְ פְרִיהֶער אֵיידֶער דִי כְּלֵי־זֶמֶר זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן בְּרִיק אִין וַואסֶער צוּ לוֹיפֶען. אִיךְ לֵייקֶען נִיט, אִיךְ הָאבּ עֶס גֶערֶעכֶענְט צוּ טְהוּן; אָבֶּער אִיצְט, בְּעֵת אִיךְ שְׁרַייבּ דִיזֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע וֶוארְטֶער, בִּין אִיךְ פֶעסְט בֶּעשְׁלָאסֶען צוּ לֶעבֶּען. אִיךְ ווִיל לֶעבֶּען אוּנ הָאף צוּ גָאט: עֶר פֶערְגִינְט מִיר דָאס לֶעבֶּען. אוֹיף אַלְץ וָואס אִיהר הָאט גֶעגֶען מַיין ווִילֶען גֶעטְהוּן קָאנְט אִיהר נָאךְ חֲרָטָה הָאבֶּען אוּנ פֶערִיכְטֶען. דַארִיבֶּער טָאהר אִיךְ אוֹיךְ גֶעגֶען אַייעֶר ווִילֶען אַזַא שְׁרִיט נִיט טְהוּן וָואס צוּ פֶערִיכְטֶען זָאל שׁוֹין אוּנְמֶעגְלִיךְ זַיין ... אִיךְ עֶנְטְלוֹיף פוּן אַייךְ צוּ עֶרְגֶעץ אַ קְרוֹבָת אִין אַ פְרֶעמְדֶער שְׁטָאדְט. אוּמְזִיסְט וֶועט אַייעֶר זוּכֶען זַיין. אִיךְ וֵוייס, אִיהר וֶועט פִיעל קְרֶענְקוּנְג אוּנ צַעַר הָאבֶּען, אָבֶּער פֶערְגֶעסְט נִיט, אַז מַיין צַעַר אִיז גְרֶעסֶער אוּנ אִיךְ הָאבּ קֵיין אַנְדֶער בְּרֵירָה גֶעהַאט. בַּיי גָאט בֶּעט אִיךְ: עֶר זָאל אוּנְז אַלֶעמֶען צוּגְלַייךְ מוֹחֵל זַיין. אִיךְ עֶנְטְלוֹיף נִיט אַלֵיין, זְכוּת אָבוֹת אוּנ דֶער טְרַייעֶר ווִילֶען פוּן מַיין זֵיידֶען אוּנ זֶעלִיגֶען פָאטֶער בֶּעגְלֵייטֶען מִיךְ. בֶּעט גָאט פַאר מִיר, עֶס בֶּעט אוֹיךְ פַאר אַייךְ גָאט אַייעֶר אוּנְגְלִיקְלִיכֶע רָחֶל׳ע.״

– צַדִּיק ה׳ עַל כָּל הַבָּא עָלַי! הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה אוֹיסְגֶערֶעדְט אוֹיפְהֶעבֶּענְדִיג אוֹיגֶען אוּנ הֶאנְד צוּ גָאט. אַבִּי זִיא לֶעבְּט, אַ לֶעבֶּעדִיגֶער מֶענְשׁ הָאט נָאךְ אַ הָאפְנוּנְג. גֶעלוֹיבְּט בִּיזְטוּ, מָארֵיה דְעָלְמָא כֻּלּוֹ!

– גָאט אִיז מַיין עֵדוּת, הָאט חַייעֶ׳לֶע אַוֶוייגֶענְדֶע פוּן אִיהר זַייט גֶעזָאגְט, אוּנ זָאל דִי גַאנְצֶע וֶועלְט זָאגֶען, אוֹיבּ מַיין קִינְד אִיז בִּיז אִיצְט נִיט גֶעוֶועזֶען אַ פְרוּם קִינְד אַ בְּרִילְיַאנְט אַ קִינְד! אִיךְ זָאג אַייךְ דֶעם אֱמֶת, מְחוּתָּן, אִיךְ וֵוייס גָאר נִיט אִיבֶּער וֶועמֶענְס זִינְד שְׁטְרָאפְט עֶס מִיר אַזוֹי דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם? אִיךְ בִּין גֶעוִויס נִיט אֶרְגֶער חָלִילָה ווִי אַלֶע מַאמֶעס אוּנ וָואס קֵיין יוּדִישֶׁער טָאכְטֶער אִיז נָאךְ נִיט גֶעשֶׁעהֶן הָאט מִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט מִיט מַיין טְהַייעֶר קִינְד! ... וָואס זָאל אִיךְ לֵייקֶענֶען? אַלְץ פוּן דֶער צַייט וָואס זִיא אִיז אַ כַּלָּה גֶעוָוארְן ... גָאט וֵוייס וֶועמֶענְס זִינְד מַיין עֶלֶענְד קִינְד הָאט אוֹיסְצוּשְׁטֶעהְן? ...

ר׳ הֶענִיךְ אִיז בִּיז אִיצְט ווִי אַ פֶערְשְׁטֵיינֶערְטֶער גֶעשְׁטַאנֶען, הָאטְשׁ עֶר הָאט דֶעם אִינְהַאלְט פוּן בְּרִיוֶועל נִיט תּוֹפֵס גֶעוֶועזֶען אִין גַאנְצֶען הָאט עֶר אָבֶּער דָאס קְלָאר גֶעווּאוּסְט, אַז דִי כַּלָּה אִיז נִיטָא, זִי אִיז פוּן דֶער חוּפָּה עֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארְן אוּנ דָאס אַלֵיין אִיז אוֹיךְ גֶענוּג בִּזָּיוֹן אוּנ קְרֶענְקוּנְג. אַז עֶר הָאט חַייעֶ׳לֶעס רֵייד דֶערְהֶערְט הָאט עֶר אֲפִילוּ ר׳ פִּנְחָס׳לְס נְבִיאוֹת דֶערְמָאנְט. נוּר דָאס הֶערְץ זַיינְס אִיז דֶערְפוּן נִיט גֶעטְרֶעסְט גֶעוָוארְן. עֶר הָאט שׁוֹין גֶעוָואלְט אַרוֹיסְגֶעהְן הֵייסֶען שְׁפַּאנֶען דִיא פֶערְד; אָבֶּער דֶער חָתָן הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט. „מַיין טַאטֶע, זַיי נִיט בְּרוֹגֶז!״ הָאט עֶר גֶעזָאגְט, „דַאנְק גָאט וָואס זִי לֶעבְּט, אִיךְ בִּין מַיין צַעַר אוּנ בִּזָּיוֹן מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה, זִיא וֶועט נָאךְ חֲרָטָה הָאבֶּען. אֶפְשָׁר זֶענְט אִיהר גֶערֶעכְט, מְחוּתֶּנֶת׳טֶע, זָאל עֶס אוּנְז אַלֶעמֶען זַיין אַ אָבְּקוּמֶענֶעשׁ אוּנ לָאמִיר גָאט דַאנְקֶען, וָואס זִי לֶעבְּט!

אַלֶע וָואס זֶענֶען אִין שְׁטוּבּ גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען גֶעוֵויינְט. ר׳ הֶענִיךְ אִיז אוֹיךְ וַוייכֶער גֶעוָוארְן אוּנ הָאט גֶעפְרֶעגְט: וָואס וֶועט אִיצְט זַיין? זָאלֶען מִיר אַהֵיים פָאהרֶען, אָדֶער זִיצֶען דָא אוּנ דִי בִּזְיוֹנוֹת אַהֵיים נִיט מִיטְפִיהרֶען?

— וואס קאנען מיר אייך אין דער הייסער רגע ענטווערן ? האט זיך חייעלע אפּגערופען, ר׳ פּנחס׳ל וועט דאך היינט זיין, גיטעלע דעם רבינ׳ס און איהר ברודער ר׳ זלמנקע פאהרן דאך אויך. לאָם מיר עלטער ווערן מיט א טאג. מיר וועלן האָרן, איהר זעהט דאך ווי גרויס אונזער אונגליק איז. זעהט בעסער מען זאל זיא געפינען און אהיים ברענגען.

בערעלע שפּאק און נאך א פּאר מענשען פון זאוואד האבען זיך אויף אנגעזאטעלטע פערד געזעטצט און זיך געלאזען נאכיאגען דיא ענטלאפענע אויף פערשידענע טראקטען. עס איז ביי אלעמען געוויס געוועזן, אז מען וועט זי האפען און ברענגען צוריק אהיים. מען האט שוין אבגעקלערט א פּלאן ווי מיט נוטען און מיט טרייקייט זי צו בעגעגנען און זעלבסט איהר קאפּריז נאכצוגעבען זאל מען אבלעגען די חתונה אויף איין אנדער טאג. חייעלע האט אלץ געטענה׳ט: „פאר וואס קומט עס מיר? וואס איך האב איהר אזוינס געטהון? האט דען מיין מאמע פון מיר אויך אזעלבע צרות געהאט? פון וואנען האט זיך צו מיין קינד אזא העזה גענומען? סיידען איך בין שוין ביים רבונו של עולם גאר נישט ווערטה. ער מוז מיר בעצאהלן מיט א סך נחת פאר היינטיגען טאג!“ ר׳ שלמה אבער האט געזאגט: „דער גראסטער נחת וועט זיין אז איך וועל זי זעהן, איך באנג שוין נאך איהר. זי איז ניט שולדיג, אויף נאמנות ניט שולדיג: זכות אבות דערלאזען נאך אפשר דארט דעם שדוך ניט, און ניט איהר איינענע דעה איז געוועזן צו ענטלויפען. הלואי זאל מען זי נור ברענגען, איך בין איהר אלץ מוחל! סיידען די חופּה איהרע וועט איהר מוחל זיין! האט זיך חייעלע אבגערופען. מיר האט זי א האלב לעבען אבגעקירצט!“

אין א פּאר שעה ארום זענען צוגעפאהרן צוויי פערמאכטע קארעטען, פון איינער איז ארויסגעשפּרונגען א לאקיי מיט א שפּיציגער בארד, מיט לאנגע פּאות און נאך לאנגערע פּאלעס און האט ברייט די טהיר פון דער קארעטע געעפענט, פון וועלכער עס איז ארויס א דיקע, זעהר שאנע פרוי, יודישלעך געקליידעט און איז באלד אין שטוב אריין. פון דער אנדערער איז ארויס ר׳ פּנחס׳ל, נאך איהם ר׳ זלמנקע, און זענען אויך אין שטוב אריין.

די ווייבער האבען זיך היים צוקושט, חייעלע האט זיך זעהר צוויינט. — וויינט ניט, חייעלע! האט גיטעלע געטראסט, וואס דען מיינט איהר איז דער צער פון גדול בנים? א קונץ איז נור נחת האבען? מען מוז פאר גוט אננעהמען אויך דעם צער וואס מען האט פון זיי און די אשה וואס זינדיגט חלילה געגען רבונו של עולם, אז עס מאכט זיך איהר מיט איהר קינד ניט אזוי ווי זי וויל, איז גאר ניט ווערטה קיין נחת צו דערלעבען פון קינדער!

— נאט איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט! האט חייעלע געאנטווערט און אבגעווישט איהרע טהרערן, וועלכע זענען נאך אויף איהרע ברעמען געהאנגען. איך האב מיינע ליעבע גאסט אויף א שמחה גערופען, נור דער וואס לעבט אייביג האט מיין שמחה פערשטארט. איך בעט אייך גיטעלע, זייט מיין ליעבער טייערער גאסט חאטש אזוי, ניט שוין וועט נאט קיין רחמנות ניט האבען און מיין צער ניט צוזעהן?

גיטעלע האט ווייטער געטראסט און געשוואָרן, אז נור אויף שמחות איז זיא אהערצו געקומען. "איהר קאנט גאנץ רוהיג זיין, חייעלע, האט זי געזאגט, דער פאטער זאל לעבען האט אונז אנגעזאגט מיר זאלען פאהרן חייעלעס שמחה בעשאפען, ער וואלט אונז ניט געהייסען פאהרן אויף א שמחה, אז ער וואלט געוואוסט אז אייך שטעהט פאר חלילה א צער און אונגליק." אז חייעלע האט זיך א ביסעל בערוהיגט האט גיטעלע ערצאהלט: אז אין דער רויטער קרעטשמע האבען מיר היינט געדאווענט און האבען געוואַרט, מסתמא וועט מען ארויספאהרן ענטגעגען. נור ר' פנחס'ל איז אונרוהיג געווען און האט געהייסען מען זאל גאר ניט ווארטען און אריינפאהרן אין שטאדט. מען האט נאך אבער קיין צייט ניט געהאט די פערד איינצושפאנען איז א רייטער געקומען און די גוטע בשורה אונז אנגעזאגט. גאט האט געמאכט אונזער צער צו זעהן! איצט געלויבט איז ער וואס זיא לעבט. געוואלד חייעלע, מיר וועלן נאך אין נחת דערצאהלן!

ר' פנחס'ל מיט ר' זלמנ'קען זענען אויך קיין אונמוטהיגע גאסט געווען און האבען זעלבסט די שטובינגע מענשען פרעהליך געמאכט. ר' שלמה איז שוין דערמיט אליין געטראסט געווען, וואס רחל'ע לעבט. "אבי זי לעבט, א לעבעדיגער הונד איז בעסער פאר א טויטען לייב!" האט ער אליין גערעדט פאר זיך. ר' פנחס'ל האט רחל'עס בריוועלע איבערגעלייענט און אז ער האט ביי יעדען שטוב-מענשען און אויך ביי דער קראנקער פייגען אויסגעפרעגט וואס האט דיא ענטלאפענע אין די לעצטע טאג געטהון און גערעדט, האט ער פון פייגען אזוי פיעל פערשטאנען, אז רחל'ע איז צו משה'לעס מוטער אוועקגעפאהרן. ער האט תיכף טעלעגראפירט: מען זאל זי ניט האלטען און אבשיקען צוריק אהיים; נור פון דארט איז א תשובה געווען, אז זי איז נאך ניט אנגעקומען. דער עולם האט זיך אין גאנצען בערוהיגט. ר' העניך אבער איז שרעקליך אראבגעפאלען ביי זיך.

## יב.

רחל'ע האט דעם גאנצען טאג ביי שרה'לען אין האלב פינסטערן הדר'ל צוגעבראכט. וואס זי טראכט, וואס דא איז מיט איהר? האט זיא כמעט אליין ניט געוואוסט. מיט יעדען קלאפ און שארך וואס האט זיך געהערט פון פארדער חדר האט זיא געפיהלט, אז עס רייסט זיך איהר אב אשטיק הארץ און דאס אליין איז א סימן אז זי לעבט נאך און איז נאך אין פינסטערן קבר ניט בעגראבען. שרה'לע האט אלץ געטהון וואס אין איהרע כחות איז געווען זי צו בערוהיגען. איהר טהיי מיט פרישע זעמעלעך צוגעטראגען, פאר איהר א פרישע הינער זופ אויסגעקאכט, נור רחל'ע האט איהר בעדאנקט און געבעטען איהר היינט לאזען צו רוה. שרה'לעס מוטער, וועלכע איז צו איהר דרינגענד צוגעשטאנען זי זאל עפיס געניסען, דאס הארץ צו שטארקען, האט זיא געזאגט: "טהייערע רבקה, אז עס וואלט היינט מיין חופה געווען וואלט איך בעדארפט פאסטען, מיט וויפיעל דארף איך איצט מעהר פאסטען וואס היינט וועט מיין חופה ניט זיין!... ניין, היינט וועט שוין מיין חופה ניט זיין!...

דִי אַלְטֶע הָאט מֶעהר נִיט גֶעבֶּעטֶען אוּנ הָאט נוּר צוּגֶעגְרֵייט אַלְץ אוֹיף בַּיי נַאכְט אוֹיף אָבְּצוּפַּאסְטֶען זִיךְ, אָבֶּער בַּיי נַאכְט הָאט שָׂרֶה׳לֶע רָחֶלֶ׳ען שׁוֹין אַ שְׁלָאפֶענְדֶע גֶעפוּנֶען אוּנ דִי אַלְטֶע הָאט נִיט דֶערְלָאזֶען זִי וֶועקֶען. בֵּיידֶע פְרוֹיֶען הָאבֶּען דִי נַאכְט גֶעוַואכְט אוּנ פַייֶער אוֹיפְ׳ן קִיךְ הָאט גֶעבְּרֶענְט. זִיצֶענְדִיג אַזוֹי אִין זָארְג אוּנ צַעַר הָאבֶּען זֵיי בֶּעקְלֶערְט ווִי זִיךְ וַוייטֶער צוּ פִיהרֶען, עֶס זָאל קֵיין חָשַׁד נִיט פַאלֶען, אַז רָחֶלֶע גֶעפִינְט זִיךְ דָא בַּיי זֵיי. „אִיךְ הָאבּ מוֹרָא, מַאמֶע, זִי זָאל חָלִילָה נִיט קְרַאנְק ווֶערן בַּיי אוּנְז, הָאט שָׂרֶה׳לֶע זֶעהר אַ בֶּעזָארְגְטֶע גֶעזָאגְט, דֶערְמָאן זִיךְ נוּר, אַזַא אֵיידֶעל קִינְד ווִי ווֶעט זִי דָא אִין אוּנְזֶער הֶדֶר׳ל לֶעבֶּען? אֵיין וַואנְד אִיז אִין גַאנְצֶען אוֹיוֶוען, אִיךְ הָאבּ גָאר קֵיין הַארְץ נִיט דֶעם אוֹיוֶוען צוּ הֵייצֶען!

— דֶעם אוֹיוֶוען מוּזְטוּ הֵייצֶען מַיין טָאכְטֶער! הָאט דִי אַלְטֶע אַיינְגֶעווִיזֶען, ווָאס ווֶעט דֶער מִיהלְנֶער זָאגֶען? אִיהם קוּמְט שׁוֹין פַאר אַ הַאלְבּ זֶעקְל מֶעהְל. דִירָה גֶעלְד מוּז מֶען גֶעבֶּען אוּנ דֶעם רֶבִּי׳ן שְׂכַר לִמוּד דַארְף מֶען גֶעבֶּען. עֶס אִיז טַאקִי אַ עֶלֶענְד אוֹיף אִיהר, נִיט פֶערְגֶעס אָבֶּער, אַז נִיט פַאר נַחַת אִיז זִיא צוּ אוּנְז גֶעקוּמֶען. גָאט גִיט נִיט נוּר דִי קֶעלְט נָאךְ דִי קְלֵיידֶער נָאךְ, אָבֶּער אוֹיךְ דִי כּחוֹת נָאךְ דֶער הִיטְץ נָאךְ... אַ גְרֶעסֶער פַייֶער בְּרֶענְט גֶעוִוּיךְ אִין אִיהר יוּנְגֶען הֶערְצֶען. הַלְוַאי זָאל זִי אִיהר צַעַר אוּנ קְלֶעמוּנְג קָאנֶען אַרִיבֶּער טְרָאגֶען! פוּן אוּנְזֶער הִיטְץ ווֶעט זִי אִין גִיכֶען אוֹיסְגֶעלֵייזְט ווֶערן. חוּץ דֶעם טָאהרְן מִיר קֵיין שׁוּם נַייֶעס בַּיי אוּנְז נִיט מַאכֶען. דוּא מוּזְט מִיט דַיין קָאשִׁיק גֶעבֶּאקְס אַרַיינְגֶעהן צוּ דַיינֶע בַּעֲלֵי־בָּתִּ׳טֶעס ווִי אַלֶע טָאג, זָאל קֵיין חָשַׁד נִיט פַאלֶען. זֶעה נוּר מַיין טָאכְטֶער, אַז דָאס קִינְד זָאל פוּן אִיהר נִיט ווִיסֶען. אַ קִינְד קָאן מִיט אֵיין ווָארְט מֶעהר קַאלְיֶע מַאכֶען ווִיא צֶעהן עֶרְוַואקְסֶענֶע קָאנֶען פֶערִיכְטֶען... אַזוֹי רֶעדֶענְדִיג זֶענֶען דִי בֵּיידֶע פְרוֹיֶען מִיט׳ן בֶּעגִינֶען זִיצֶענְדֶע אֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעווָארן. אַז רָחֶלֶע הָאט אִין דֶער פְרִיה דִי אוֹיגֶען גֶעעֶפֶענְט, הָאט זִיא כִּמְעַט נִיט גֶעווּאוּסְט וואוּ זִי אִיז. אַרוּם אִיהר אִיז פִינְסְטֶער גֶעוֶועזֶן אוּנ דִי פַּרְעֶסֶענְדֶע לוּפְט אִיז גֶעווֶעזֶן נִיט אוֹיסְצוּהַאלְטֶען. „וואוּ בִּין אִיךְ?״ הָאט זִי זִיךְ גֶעפְרֶעגְט. „אִיז דָאס נִיט דֶער קֶבֶר מַיינֶער, וואוּ מֶען הָאט מִיךְ אַ לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעגְרָאבֶּען? נֵיין! אַלֵיין בִּין אִיךְ אַהֶער גֶעקוּמֶען, דָא אִיז מִיר גוּט, דָא טְרָאג אִיךְ מַיין ווֶעהטִיג שְׁטִיל אִין מַיינֶעם הֶערְצֶען. קֵיינֶער ווֶעקְט דִי ווָאוּנְד נִיט אוֹיף, קֵיינֶער שִׁיט קֵיין זַאלְץ אוֹיף אִיהר. אוּנ דוּא גָאט אִין הִימֶעל, זֶעהסְט מַיינֶע לֵיידֶען אוֹיךְ דָא, זַיי מִיט מִיר, פֶערְלָאז מִיךְ נִיט!״ זִיא הָאט זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ פַאנַאנְדֶער גֶעווֵיינְט. שָׂרֶה׳לֶע אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען, רָחֶלֶע אִיז אִיהר אוֹיפְ׳ן הַאלְז גֶעפַאלֶען אוּנ בֵּיידֶע הָאבֶּען פוּן דָאס נַיי גֶעווֵיינְט. „ווִי גוּט אִיז מִיר בַּיי אַייךְ! הָאט זִי גֶעזָאגְט, אִיהר פִיהלְט, אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט מִיךְ אוּנ אִיךְ בִּין נִיט עֶלֶענְד. נִיט עֶלֶענְד״ שָׂרֶה׳לֶע, אַז אִיהר הֶעלְפְט מִיךְ ווֵיינֶען אוֹיף מַיין עֶלֶענְד!...״ דִיא מוּטֶער הָאט דֶערְוַוייל טְהֵיי אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען. רָחֶלֶ׳ע הָאט גֶעמוּזְט אַ גְלָאז טְהֵיי מִיט מִילְךְ אוֹיסְטְרִינְקֶען. דִי אַלְטֶע הָאט אִיהר אוֹיךְ אַ סִדוּר צוּגֶעטְרָאגֶען. „טָאמֶער ווִילְסְטוּ דַאוְונֶען, דַאוֶוען אָב מַיין טָאכְטֶער, דֶערְוַוייל ווֶעט פַאר דִיר אַ פְרִישֶׁע זוּפ פַארְטִיג ווֶערן, הָאט זִי גֶעזָאגְט, לָאז זִיךְ נִיט אָב, כּחוֹת, מַיין טָאכְטֶער, דַארְפְסְטוּ הָאבֶּען דַיינֶע עַגְמַת נֶפֶשׁ אִיבֶּערְצוּקוּמֶען!״ בֵּיידֶע פְרוֹיֶען זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶעם זֵיי הָאבֶּען דָאס צִימֶערְל צוּגֶעקְלִיבֶּען, אַ בִּיסֶעל דָאס פֶענְסְטֶערְל גֶעעֶפֶענְט אוּנ אַ קִיהלֶע מָארְגֶענְ־

לופט האָט רָחֶל'ען בַיי בֶּעלֶעבְּט . זי האָט דֶעם סִדור גֶעאֶפֶענְט אָבֶּער דַאוֶונֶען האָט זיא ניט גֶעקָאנְט, זי האָט יֶעדֶעס טַייטְשׁ וָוארְט פון דַאוֶונֶען גֶעוואוּסְט; ניט דָאס אָבֶּער בֶּעט איהר הֶערְץ איצְט . „דו הֶארְסְט מִיךְ, גָאט! דו זֶעהְסְט מַיין הֶערְץ; אֶנְטְוֶוער מִיר גָאט אין הִימֶעל!” האָט זי גֶעבֶּעטֶען אונ דֶעם סִדור צוּרִיק פֶערְמַאכְט .

די אַלְטֶע האָט איהר אַ טֶעלֶער הֵיגֶער זוּפּ אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען . „עֶס מַיין טָאכְטֶער!” האָט זי גֶעבֶּעטֶען, פְרִישֶׁע זוּפּ , עֶס מָאג דֶער מַלְכוּת עֶסֶען!” רָחֶל'ע האָט איהר צוּלִיעבּ גֶעטְהוּן אונ גֶענוּמֶען אַפָּאר לֶאפֶעל צום מויל . איהרֶע טְהרֶערֶן האָבֶּען איהר הַאלְז אָבֶּער פֶערְוָוארְגֶען אונ זי האָט קוים גֶעקָאנְט אַרָאפְּשְׁלִינְגֶען . די אַלְטֶע האָט פֶערְלַאנְגְט זי זָאל אויךְ דָאס שְׁטִיקֶעלֶע עוֹף אויפְעֶסֶען . רָחֶל'ע האָט גֶעפִיהלְט זי וֶועט זִיךְ מִיט יֶעדֶען בִּיסֶען מוּזֶען וָוארְגֶען — „איךְ קָאן נִיט, טְהַייֶערֶע רִבְקָה!” האָט זי גֶעבֶּעטֶען, דָאס הֶערְץ דְרִיקְט מִיר, עֶס וֶועט מִיר נִיט וואוֹיל בֶּעקוּמֶען”; נוּר דיא אַלְטֶע האָט זִיא בֶּעשְׁוָוארֶן זי מוּז עֶסֶען אונ זי האָט אִיבֶּערְגֶעוַואלְד מִיט אַנְגְסְט גֶעגֶעסֶן . — „זָאל דיר וואוילבֶּעקוּמֶען!” האָט זי איהר צוּגֶעווּנְשֶׁען אונ די אַלֵיין גֶעלָאזֶען .

פַאר נַאכְט האָט איהר שָׂרֶה'לֶע אַ גֶערוּס גֶעבְּרַאכְט פון פֵיינֶען, אַז זי בֶּעסֶערְט זִיךְ אונ האָפְט אִין גִיכֶען גֶעזוּנְד צוּ וֶוערֶן . „וָואס מַאכֶען דָארְט די יְתוֹמִים'לֶעךְ? האָט זי גֶעפְרֶעגְט, „אויף מַיין קִינְד גֶעזָאגְט!” האָט שָׂרֶה'לֶע גֶעאֶנְטְפֶערְט, זַיי האָבֶּען מִיר דיא נַייֶע מַתָּנוֹת בֶּעוויזֶען, וָואס ר' פִּנְחָס'ל אונ גִיטֶעלֶע דֶעם רֶבִּינְ'ס האָבֶּען זַיי גֶעבְּרַאכְט . דַאנְקָה פַאר זִיךְ מַיין רָחֶלֶע, גָאט דַאנְקְ'ט פַאר זַיי אונ זַייעֶר טַאטֶענְ'ס זְכוּת זָאל זַיין מִיט זַיי אֵייבִּיג!”. אויף דֶעם דְרִיטֶען טָאג האָט רָחֶלֶע מֶעהר נִיט גֶעוויינְט, וֶועניגְסְטֶען האָבֶּען דיא בֵּיידֶע פְרוֹיֶען איהרֶע טְהרֶערֶן נִיט גֶעזֶעהן, האָטְשׁ דיא צַייט איז איהר לַאנְג גֶעוֶועזֶן אונ מִיט וָואס זיא אָבְּצוּקִירְצֶען האָט זיא נִיט גֶעהַאט, זיא האָט נוּר אֵיין זַאךְ גֶעטְהוּן: דיא מִינוּטֶען גֶעצֶעהלְט , דֶער טָאג זָאל אַרִיבֶּער. זיא האָט גֶעזֶעהן וויפִיעל דיא בֵּיידֶע פְרוֹיֶען פְּלָאגֶען זִיךְ פון איהרֶעטְוֶועגֶען אונ וויא גֶערְן זַיי וָואלְטֶען אַלֶץ גֶעטְהוּן איהרֶע לֵיידֶען דָא צוּ פֶערְגְרִינְגֶערְן. זיא האָט אויךְ דיא פֶערַאנְטְוָוארְטְלִיכְקֵייט גֶעפִיהלְט וָואס דיא אָרֶעמֶע אַלְמָנָה שָׂרֶה'לֶע האָט אויף זִיךְ גֶענוּמֶען: אַ כַּלָּה אִין דֶעם טָאג פון דֶער חוּפָּה צוּ בֶּעהַאלְטֶען . דַארִיבֶּער האָט זיא שְׁטִיל גֶעלִיטֶען אונ זִיךְ נִיט בֶּעקְלָאגְט, האָטְשׁ זיא האָט גֶעפִיהלְט, אַז דיא הִיטְץ טְרִיקֶענְט איהרֶע לֶעצְטֶע כֹּחוֹת אוי"ס.— שָׂרֶה'לֶע האָט איהרֶע גֶעבֶּעקְס אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען צוּ הַייֶעלְן ווי אַלֶע מָאל אונ האָט אִין קִיךְ צוּגֶעזֶעהן וויא סַארְוֶוער אונ שַׁמָשִׁים טְרָאגֶען אַרוֹיס אַ גֶערִיכְט נָאךְ אַ גֶערִיכְט אונ וויא דָארְט אִין שׁטוּב איז פְרֶעהְלִיךְ: מֶען עֶסְט, מֶען טְרִינְקְט, ר' זַלְמֶנְקֶע דֶעם רֶבִּינְ'ס נֶעהְמְט צוּ פִּדְיוֹנוֹת, ר' פִּנְחָס'ל זָאגְט תּוֹרָה, חַייֶעלֶע פִיהְרְט זִיךְ אוּם מִיט גִיטֶעלֶען אַאויסְגֶעפּוּצְטֶע אַ צוּפְרִידֶענֶע אונ האָט אֶפְשָׁר נָאר אִין זִינֶען נִיט אַ קְלָאר צוּ טְהוּן וֶועגֶען איהר גוּט קִינְד, וָואס שְׁמַאכְטֶעט בַּיי איהר אִין דוּשְׁנֶעם צִימֶערל אונ דָאס הֶערְץ צוּגֶעהט שָׂרֶה'לֶען אונ זיא פְרֶעגְט בַּיי גָאט קַשְׁיוֹת: „פַאר וָואס טְהוּט זִיךְ דָאס אַזוֹי?”

— הֶערְסְטוּ מַאמֶע, האָט שָׂרֶה'לֶע קוּמֶענְדִיג אַ מָאל צוּרִיק פון חַייֶעלֶען, צוּ איהר מוּטֶער גֶעזָאגְט. עֶס איז אַ פַאלְשֶׁע וֶועלְט, איךְ וָואלְט עֶס גָאר נִיט גֶעגְלויבְּט, אַז איךְ וָואלְט עֶס אַלֵיין מִיט מַיינֶע אויגֶען נִיט גֶעזֶעהן. חַייֶעלֶע האָט מִיךְ גֶעהֵייסֶען

צולאָזען צו ר' זַלְמַנְקֶע דעם רבינ'ס, איך האָב געזאָגט: איך וויל בּיי איהם אַ בְּרָכָה בּעטען אויף מיין פינסטערן מַזָל. מיינסטו, האָט מיר זיין גַבָּאִי אַריינגעלאָזען אומזיסט? דרייסיג קאָפּיקעס האָב איך איהם געמוזט געבען פאַר אַ קוויטעל אויפשרייבען און צוואַנציג קאָפּיקעס ווידער בּיי דער טהיר פאַרן אַריינלאָזען. ר' זַלְמַנְקֶע, ניט זינדיגען זאָל איך מיט דיא רייד, איז געוועזן שכּורלעך וואָלט איך שווערן. ווייבעל וואו איז דיין פִּדְיוֹן?" איז זיין ערסטע שְׁאֵלָה געוועזן. איך האָב געהאַט נאָך צוואַנציג קאָפּיקעס און האָב אויפ'ן טיש אַוועקגעלעגט. מיינסטו האָט ער ניט צוגענומען? פון טויטע, פון לעבעדיגע, אַבּי ניב! „גֶעה אַהיים, גאָט וועט דיר העלפען!" האָט ער געזאָגט. אַ דאַנק איהם! דאַכט זיך, אַז גאָט בָּרוּךְ הוּא איז ניט מְחוּיָב אַ שכּורן יודען צו צוהאָרן; נור נאָך ניט דאָס וויל איך דיר זאָגען. אַרויסגעהענדיג, האָט דער גַבָּאִי, ניט ר' פִּנְחָס'ל, אַזוי איינער — דאַכט זיך וואָס רעדט גאָר מיט גאָט — מיר אין אויהער אַריינגערעדט אַ וואָרט, וואָס פּאַסט ניכער פאַר אַ כאַלדאַט איידער פאַר אַ רבינ'ס אַ גַבָּאִי... אַ פאַלשע וועלט, אַ פערנאַרטע וועלט!

— מיין טאָכטער, האָט דיא מוטער געטראָסט, אין דער וועלט זענען דאָ גוטע און שלעכטע און מען ווייס בֶּאֱמֶת ניט וואו איז דאָס גוטס און וואו איז דאָס שלעכטס. זיי פונדעסטוועגען ניט קליגער פון דער גאַנצער וועלט, דוא מיינסט אַז אַ מאַנשביל רעדט שוין אויס אַ גראָב וואָרט איז ער שוין אַ הוּלטַיי חָלִילָה? מיר האָט אַ מאָל אַ יוד אַ חָסִיד אַתְּרוּץ געזאָגט: דאָס טהוען זיי, כְּדֵי צו קאָנען בּרעכען דעם יֵצֶר הָרָע. ניט זינדיג מיין טאָכטער, מען טאָהר אַ יודען ניט חוֹשֵׁד זיין!

אַזוי זענען אַריבּער געגאַנגען דריי טאָג. רָחֶלֶע האָט נור געוואוסט, אַז דיא טהייערע געסט זענען געקומען און זענען נאָך ניט אַוועקגעפאָהרן; אָבער פון דער גְּדוּלָה פון איהר טאַטענ'ס הויז האָט איהר שָׂרָה'לע אַ איינציג וואָרט ניט ערצאָהלט. פרייטאָג פאַר נאַכט האָט דיא אַלטע דריי ליכטלעך אַריינגעטראָגען, רָחֶלֶע האָט דיא ליכט אָנגעצונדען און דיא בְּרָכָה געמאַכט. דיא אַלטע האָט דיא ליכטלעך באַלד צוריק אַרויסגעטראָגען. רָחֶל'ע האָט זעהר געוויינט, דעם ערסטען מאָל אין איהר לעבען פרייטאָג צו נאַכט אין דער פינסטער צו זיטצען; נור זיא איז צופרידען געוועזן ווענינגסטען דערמיט וואָס דיא שַׁבָּת געבענשטע ליכט זעהען איהרע טהרערן ניט און וואָס דיא גוטע פרויען זעהן ניט ווי זיא וויינט. — אַבּיסעל שפּעטער האָט זיא אין איהר חֶדֶר'ל דערהערט, ווי שָׂרָה'לעס יונגעל איז פון שול געקומען מיט אַ פרעהליכען „גוט שַׁבָּת!" זיא האָט זיין זיס קול'כעל געהערט ווי ער האָט „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם" געזונגען. ביז איצט האָט דיא מוטער דאָס קינד כִּמְעַט אין שטוב ניט אַריינגעלאָזען, זעלבסט עסען פלעגט זיא איהם געבען אין הויף אויף אַ באַנק און פלעגט איהם שיקען שפּילען מיט זיינע חֲבֵרִים און ערסט שפּעט, אַז מען פלעגט שוין דאָס לאָמפּעל אויסלעשען פלעגט זיא איהם אין שטוב אַריינגעהמען. נור איצט, פרייטאָג צו נאַכט קאָן מען אויף אַ באַנק אין הויף ניט עסען און דאָס קינד איז דער איינציגער מאַנשביל ווער קִדּוּשׁ צו מאַכען. זיא האָט אויך זיין קִדּוּשׁ געהערט און שטיל אָמֵן געענטפערט. אַז זיי האָבען דיא וועטשערע אָבּגעגעסען האָט דיא אַלטע געהייסען קְרִיאַת שְׁמַע לייענען און זיך שלאָפען לעגען. „איך וויל נאָך ניט שלאָפען" האָט זיך דאָס קינד געבעטען.

איך וועל אייך באַבע, די חומש פּערטייטשען וואָס איך האָב פון היינטיגער סדרה געלערנט. איך קאָן שוין מפטיר לייענען, אָט האָרט ווי איך לייען!" אָבער די באָבע, וועלכע האָט איהר עניקלס תּורה שטאענדיג מיט גליק און פערגניגען צוגעהאָרט האָט איצט זעלבסט זיין מפטיר לייענען ניט געוואָלט צוהערן. "מאָרגען, מאָרגען, מיין זוהן, האָט זי געזאָגט, איצט איז דיין מאַמע ניט געזונד, זעהסטו, זי שלאָפט שוין!" שרה'לע האָט זיך שלאָפענדיג געמאַכט, דאָס קינד האָט קריאַת שמע אָבגעלייענט. "אַ גוטע נאַכט", געזאָגט און זיך שלאָפען געלעגט אויף דער ערד געבען טהיר. רחל'ע האָט זיין "גוטע נאַכט" געהערט און איהם "אַ גוט יאָהר" צוגעוואונשען שטילערהייט. אַז דאָס קינד האָט שוין געשלאָפען האָט שרה'לע רחל'ען אין איהר זאַאל אַריינגעפיהרט און זי האָט געמוזט עסען פון די שבת'דיגע געריכטען. "גאָט צאָהלט, מיין קינד, דיין יעדען ביסען וואָס דו עסט לכבוד שבת און ער וועט דיר פאַר איטליכע אַ יאָהר פול מיט פרייד און נחת בעצאָהלן, האָט די אַלטע געזאָגט.

ביז איצט פלעגט רחל'ע רוהיג שלאָפען; די נאַכט אָבער איז זי אויף איהר בעט געלעגען און ניט געקאָנט ענטשלאָפען ווערן פון דער היטץ אין צימערל. ליגענדיג אַזוי וואַכענד האָט זיא ערשט דערהאָרט דעם זיסען קאָנצערט פון גרילען און טאַראַקאַנעס, וועלכער האָט פון אַלע לאָכער און שפּאַלטען די גאַנצע נאַכט ניט אויפגעהאָרט. אין איהר צימער, אין איהר היים האָט זי עס קיינמאָל ניט געהאָרט און זי האָט געמיינט איהר ווערט אַ לאָך אין מוח דאָס האָרענדיג. אַ צוגאָב דערצו האָבען די מייז זיך צרויסגעלאָזען מיט אַ פּישטשעריי און איהר אַנגסט און שרעק איז אַלץ גראָסער געוואָרן. זיא האָט געוואָלט פון בעט אַראָב שרה'לען אויפוועקען און בעטען איבערשלאָפען די נאַכט אין זייער חדר; אָבער אין מיטען האָט זי זיך דערמאָנט, ווי מיד, ווי אָנגעהאָריוועט די ביידע פרויען זענען שלאָפען געפאַלען און האָט קיין הערץ ניט געהאַט זיי צו וועקען; אָבער נאָך מעהר האָט זי מורא געהאַט טאָמער וועלן זיי מערקען ווי שלעכט איהר איז אין זייער צימערל. "זיי זענען אויך מענשען פון בלוט און פלייש ווי איך און זענען צו געוואָהנט צו דער היטץ ווי צו די גרילען, פאַר וואָס זאָל איך מיך ניט צוגעוואָהנען?" נור איהר אויהער איז פון דער טראַסק ניט קלינער געוואָרן און דאָס גרילצען האָט איהר מוח געשפּאָלטען. אַז עס האָט צו בעגינען אָנגעהויבען האָט זי שוין אַ דרעמל געטהון, אָבער פּלוצלונג האָט זי אַ יאַמערליך געוויין דערהאָרט פון אונטער איהר פענסטער. זיא האָט אַנפאַנגס געמיינט: איהר דאַכט עס נור, באַלד אָבער האָט זי זיך איבערצייגט אַז זי האָרט ווירקליך: עס ווייגט אַ קינד. "אָ, איך האָר, מיר דאַכט ניט, איך בין וואַך און איך האָר. ווער וויינט עס דאָ אונטער מיין פענסטערל? וויינט עס ניט מאָטעלע, מיין ברודערל? יאָ, מאָטעלע, עס וויינט אויך דאָס קליינע ברודערל יאָסעלע, אויך מירעלע, מיין עלענד שוועסטערל וויינט! ווער האָט אייך האַלבע נאַכט אַרויסגעטריבען קינדערלעך? וויא האָט איהר געוואוסט צו מיר צו קומען, עלענדע יתומים'לעך?! און וואָס ליעג איך?" זי האָט זיך מיט שרעק אַהייב געטהון און איז צום פענסטערל צו. זיא איז זיכער געוועזן, אַז איהרע ברידערלעך וויינען און קלאָגען עס אַזוי. נור קוים האָט זי דאָס פענסטערל אָבגעשפּאַרט זענען צוויי קאַטץ אַראָבגעשפּרונגען און דאָס געוויין האָט אויפגעהאָרט.

מִיט אַ הֶערְץ קְלַאפֶּען הָאט זִי זִיךְ צוּרִיק אַוֶועגְגֶעלֶעגְט. אָבֶּער עֶנְטְשְׁלָאפֶּען וֶוערן הָאט זִי שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט. אַז שָׂרָה'לֶע מִיט אִיהר מוּטֶער זֶענֶען שׁוֹין וַואךְ גֶעוֶועזֶן אִיז זִיא פָּארְט עֶנְטְשְׁלָאפֶּען גֶעוָוארן; נוּר זִי הָאט נִיט פִיעל גֶעשְׁלָאפֶּען. שָׂרָה'לֶע הָאט גֶעהֶערְט אִיהר פֶערְשְׁטִיקְטֶען גֶעשְׁרֵיי פוּן שְׁלָאף אוּנ אִיז בַּאלְד אַ צוּשְׁרָאקֶענֶע אַרַיינְגֶעלָאפֶען, אִיהר דִי הַאנְד פוּן הֶערְצֶען אַרָאבְגֶענוּמֶען אוּנ זִי אוֹיפְגֶעוֶועקְט. אִיהרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אִיהר אִיצְט, פוּן גֶעשְׁטָארְטֶען שְׁלָאף, וִוי מִיט זַאמְד אָנְגֶעשָׁאטָען גֶעוֶועזֶן. „אַךְ, שָׂרָה'לֶע!" הָאט זִי אוֹיפְגֶערֶעדְט מִיט אַ שְׁוֶוערֶן זִיפְץ אוּנ אִיז אִיהר בֶּעשְׁטְצֶערִין אוֹיפְ'ן הַאלְז גֶעפַאלֶען. „וָואס אִיז דִיר רָחֶלֶע?" הָאט שָׂרָה'לֶע גֶעפְרֶעגְט, דוּ הָאסְט דִי הַאנְד אוֹיפְ'ן הַארְצֶען גֶעהַאלְטֶען; דֶערְפַאר הָאט זִיךְ דִיר גֶעפְלוֹנְטֶערְט נֶעוּוים מִי יוֹדֵעַ וָואס. „גָאר נִישְׁט, גָאר נִישְׁט!" הָאט זִי גֶעאֶנְטְפֶערְט אִ"נ וִוי אַ קְלֵיין קִינְד וָואס שְׁרֶעקְט זִיךְ צוּ אִיהר זִיךְ נָאךְ מֶעהר צוּגֶעטוּלֶעט. „אָ, רַאטֶעוֶועט מִיךְ אוֹיךְ וַואכֶענְד פוּן דִי הֶאנְד וָואס יָאגֶען מִיךְ, וִוי אִיהר הָאט מִיךְ אִיצְט אִין שְׁלָאף פוּן פַּיין גֶערַאטֶעוֶועט!...."

שָׂרָה'לֶע הָאט קֵיין הֶערְץ גֶעהַאט זִי אַלֵיין צוּ לָאזֶען. רָחֶל'ע הָאט פְּלוּצְלוּנְג צוּגֶעבּוֹיגֶען אִיהר קָאפּ צוּם פֶענְסְטֶער'ל. „הֶערְט אִיהר אוֹיךְ וִוי מַיינֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ וֵויינֶען?" הָאט זִיא מִיט אַ אַנְגְּסְטְפֶאלֶער שְׁטִימֶע אוֹיסְגֶערֶעדְט, אִיךְ וֵוייס נִיט וָואס מִיר אִיז גֶעשֶׁעהְן, מִיר דַאכְט אַלְץ: אִיךְ הֶער אַ גֶעוֵויין אוּנ דָאס הֶערְץ צוּגֶעהט מִיר!.. „דִי אַלְטֶע אִיז אוֹיךְ אַרַיינְגֶעקוּמֶען אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען רָחֶל'ען אוֹיס שְׁפַּייֶען דְרַיי מָאל אוּנ דֶערְמָאנֶען אַז הַיינְט אִיז שַׁבָּת, בֵּיידֶע פְרוֹיעֶן זֶענֶען אַ גַאנְצֶען טָאג נֶעבֶּען אִיהר גֶעזֶעסֶן.

אוּנ דָארְט בַּיי הַייעֶ'לֶען אִין שְׁטוּבּ אִיז שׁוֹין לַאנְג אַזָא פְרֶעהלִיכֶער שַׁבָּת נִיט גֶעוֶועזֶן וִוי דֶער שַׁבָּת וָואס ר' פִּנְחָס'ל אוּנ ר' זַלְמֶנְ'קֶע מִיט גִיטֶעלֶען זֶענֶען דָא גֶעאכְט גֶעוֶועזֶן. „פֶּע, עַצְבוּת! הָאט ר' זַלְמֶנְ'קֶע אַלֵיין הַייעֶ'לֶען גֶעזָאגְט, אַז עֶס אִיז אַ מָאל צוּרֶעד גֶעקוּמֶען וִוי אוּנְרוּהִיג זִי אִיז, וָואס זִי וֵוייס נָאךְ קֵיין קְלָארֶע יְדִיעָה נִיט פוּן אִיהר טְהַייעֶר קִינְד. „אַ יוּד, אָדֶער אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אֲפִילוּ, וָואס הָאט אַ אֱמֶת'ן בִּטָחוֹן אִין דֶעם בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא, פַאלְט בַּיי זִיךְ נִיט אַרָאבּ אֲפִילוּ וֶוען אִיהם טְרֶעפְט אַ אוּנְגְלִיק, בִּפְרַט אַז מֶען וֵוייס נָאךְ נִיט בָּרוּר, צוּ דָאס אִיז גָאר אַ אוּנְגְלִיק!" אוֹיךְ ר' שְׁלֹמֹה'ן הָאט עֶר עֶרְקְלֶערְט פַאר וָואס מֶען טָאהר נִיט אוּנְמוּטְהִיג זַיין. „דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיז דֶער מָקוֹר פוּן אַלְ'ל דָאס גוּטֶס, דֶער מָקוֹר פוּן לִיכְט אוּנ פוּן שִׂמְחָה! גֶעגֶען דֶעם אִיז דָא אַ סִטְרָא אַחֲרָא, אַ שָׂטָן הַמַּשְׂחִית, דֶער מָקוֹר פוּן שְׁלֶעכְטְס, פוּן פִינְסְטֶערְנִישׁ אוּנ פוּן עַצְבוּת. קוּמְט אוֹיף אַ מֶענְשֶׁען אַ אוּנְגְלִיק חָלִילָה אִיז דָאס נוּר אַ מַעֲשֵׂה שָׂטָן, זַיין כַּוָּנָה אִיז: צוּ בְּרֶענְגֶען דֶעם מֶענְשֶׁען לִידֵי עַצְבוּת, וָוארוּם דִי עֲבוֹדָה פוּן שָׂטָן אִיז דִי עַצְבוּת רַחֲמָנָא לִצְלַן. דַארִיבֶּער, אַז מֶען אִיז אוּנְמוּטְהִיג אִיז גְלַייךְ וִוי מֶען וָואלְט בְּרֶענְגֶען אַ קָרְבָּן צוּם שָׂטָן; אָבֶּער מִיר עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען, וָואס מִיר דִינֶען דֶעם בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא, מוּזֶען מִיר אִיהם דִינֶען נוּר בְּשִׂמְחָה אוּנ פְרֶעהלִיךְ זַיין אֲפִילוּ אִין אַ עֵת צָרָה! אוּנ מַאקִי דָאס מֵיינְט דֶער פָּסוּק: „עִבְדוּ אֶת ה' בְּיִרְאָה וְגִילוּ בִּרְעָדָה". עִבְדוּ אֶת ה' בְּיִרְאָה, וֶוען זֶענְט אִיהר עוֹבְדִים מִיִּרְאָה: נִיט אַז אִיהר פַאסְט אוּנ וֵויינְט. נֵיין, וְגִילוּ בִּרְעָדָה: אַז אִיהר פְרֶעהט אַייךְ אֲפִילוּ בִּרְעָדָה, אֲפִילוּ בְּעֵת אִיהר צִיטֶערְט פוּן שְׁרֶעק. אוּנ דָאס אִיז דֶער עִנְיָן פוּן תִּקּוּן בַּיי אוּנְז חֲסִידִים: מְתַקֵּן צוּ זַיין וָואס דֶער שָׂטָן מַאכְט קַאלְיֶע אִין אוּנְזֶער נְשָׁמָה; מִיר טְרִינְקֶען יי"ש צוּ אַ קְבוּרָה אַזוֹי וִוי צוּ אַ בְּרִית, צוּ אַ יָאהְרְצַייט

אַזוֹי וִוי צוּ אַ שִׂמְחָה, כְּדֵי לְהַכְעִיס אֶת הַשָּׂטָן: וָוארוּם מִיתָה אוֹיף דֶער וֶועלְט הָאט גֶעבְּרַאכְט דֶער נָחָשׁ הַקַּדְמוֹנִי וָואס עֶר אִיז טַאקִי דֶער שָׂטָן; אָבֶּער אַז מִיר זֶענֶען בְּשִׂמְחָה אֲפִילוּ אִין דֶער צַייט פוּן אַ אוּנְגְלִיק, וַוייזֶען מִיר אִיהם, אַז מִיר גְלוֹיבֶּען אִין אִיהם נִיט. דוּ שָׂטָן הָאסְט גֶעמַאכְט מִיר זָאלְן שְׁטַארְבֶּען. אָבֶּער דֶער בּוֹרֵא עוֹלָם בְּחֶסֶד אִיז מְחַיֵּה מֵתִים בְּרַחֲמִים רַבִּים; דוּ שָׂטָן מַאכְסְט מִיר זָאלְן פַאלֶען, מִיר זָאלֶען קְרַאנְק זַיין; אוּנְזֶער בּוֹרֵא יִתְבָּרֵךְ אִיז אָבֶּער אַ סוֹמֵךְ נוֹפְלִים, אַרוֹפֵא חוֹלִים אוּנ מִיר הָאבֶּען פַאר דִיר גָאר קֵיין מוֹרָא נִיט! דַארִיבֶּער מוּזֶען מִיר עַל כָּל צָרָה שֶׁלֹּא תָבֹא זַיין פְרֶעהלִיךְ! לְחַיִּים יוּדֶען, לָאמִיר פְרֶעהלִיךְ זַיין!"

דֶער עוֹלָם הָאט דִיא תּוֹרָה גֶעהֶערְט אוּנ זִיךְ פְרֶעהלִיךְ גֶעמַאכְט. ר׳ שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעשְׁמַארְקְט אוּנ הָאט זִיךְ וֶועניגְסְטֶען פְרֶעהלִיךְ בֶּעוִויזֶען. גִיטֶעלֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַיינְרֶעדֶען חַייעֶלֶען אַזוֹי וִוי אַלְץ אִיז שׁוֹין צוּגֶעגְרֵייט צוּ אַ שִׂמְחָה זָאל מֶען מַאכִין שְׁטֶעלְן חוּפָּה אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה מִיט ר׳ פִּנְחָסְ׳לֶען.

– וִוי זָאל אִיךְ עֶס? וִוי קָאן אִיךְ עֶס? גִיטֶעלֶע, לֶעבֶּען זָאלְט אִיהר! הָאט חַייעֶלֶע מִיט טְהְרֶערן אִין דִי אוֹיגֶען גֶעטַענָה׳ט. אִיךְ וֵוייס נָאךְ אֲפִילוּ נִיט וואוּ מַיין רָחֶלֶ׳ע אִיז, וִוי קָאן אִיךְ פַאר זִיךְ יוֹצֵא זַיין חוּפָּה צוּ הָאבֶּען? וֶועה אִיז מִיר, וָואס וֶועט דִיא וֶועלְט זָאגֶען?

גִיטֶעלֶע הָאט אִיבֶּערְגֶערֶעדְט מִיט ר׳ פִּנְחָסְ׳לֶען אוּנ אִין דֶעמְזֶעלְבֶּען טָאג הָאט מֶען דֶערְצֶעהלְט, אַז עֶס זֶענֶען מֶענְשֶׁען גֶעקוּמֶען וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ מִיט רָחֶלֶ׳ען אִין וֶועג בֶּעגֶעגֶענְט אוּנ זִי הָאט זֵיי גֶעזָאגְט: זִי וֶועט קוּמֶען צוּ דֶער מוּטֶער בְּעֵת זִי וֶועט שׁוֹין זַיין אִין ווינָאגְרַאדְקָע. זִי אִיז שׁוֹין מוֹדֶה אַז זִי אִיז אוּנְגֶערֶעכְט אוּנ שֶׁעמְט זִיךְ פָּשׁוּט צוּרִיק אִין שְׁטֶעדְטֶעל דִי אוֹיגֶען צוּ וַוייזֶען. דִיא יְדִיעָה הָאט זִיךְ אַנְפַאנְגְס אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ גֶעוָועזֶען, פוּן בֵּית הַמִּדְרָשׁ אִיז זִי אַרוֹיס אִין מַארְק, פוּן מַארְק אִין דִי קְרָאמֶען אַרַיין אוּנ פוּן דִיא קְרָאמֶען הָאט מֶען זִי צוּטְרָאגֶען מִיט טוֹיזֶענְד אַנְדֶערֶע לִיגֶען, בִּיז זִי אִיז צוּ חַייעֶ׳לֶען אָנְגֶעקוּמֶען. קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעוואוּסְט פוּן וַואנֶען שְׁטַאמְט אֵיינֶענְטְלִיךְ דִיא יְדִיעָה; נוּר אַלֶע הָאבֶּען גֶעוואוּסְט, אַז אִיצְט אִיז שׁוֹין רָחֶלֶ׳ע אִין ווינָאגְרַאדְקָע אוּנ גֶעפִינְט זִיךְ אִין רֶבִּינְ׳ס הוֹיף צְווִישֶׁען זַיינֶע קִינְדֶער אוּנ עֶנִיקְלֶעךְ. גִיטֶעלֶע הָאט חַייעֶלֶען אַ בְּרִיף גֶעוִויזֶען פוּן אִיהר שְׁוֶועסְטֶער, אִין וֶועלְכֶען זִי שְׁרַייבְּט אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ: חַייעֶלֶע זָאל נִיט זָארְגֶען, רָחֶלֶע וֶועט קוּמֶען אִיהר מְחִילָה בֶּעטֶען. אִין דֶעמְזֶעלְבֶּען בְּרִיף אִיז אוֹיךְ אַנֶערוּם גֶעוֶועזֶן צוּ ר׳ הֶענִיךְ׳ס וַוייבּ, אַז זִי מָאג זִיכֶער זַיין אַז אִיהר קִינְדְ׳ס כַּלָּה אִיז חָלִילָה נִיט עֶנְטְלָאפֶען מִיט אִיהר אֵייגֶענֶעם ווילֶען, אַ שְׁטֵיינֶער וִויא עֶס עֶנְטְלוֹיפְט אַ פֶּערְשַׁייט מֶאדֶעל. רָחֶלֶ׳ע אִיז אַ עֶהְרְלִיךְ קִינְד אוּנ גֶעפִינְט זִיךְ אִיצְט צְווִישֶׁען עֶהְרְלִיכֶע מֶענְשֶׁען וָואס דַארְפֶען דִיא מְלִיצִים זַיין דֶעם שִׁדּוּךְ עֶרְשְׁט אוֹיסְ־צוּגְלַייכֶען." דָאס בְּרִיוֶועלֶע הָאט אַלֶעמֶען בֶּערוּהִיגְט אוּנ מֶען הָאט גָאט גֶעדַאנְקְט.

בִּיז אִיצְט אִיז מֶען נָאךְ מִיט ר׳ הֶענִיךְ׳ן נִיט פַארְטִיג גֶעוֶועזֶן: עֶר הָאט אָפֶען גֶעזָאגְט: אַז עֶר וֶועט אֵיין קָאפֶּעקֶע נִיט שֶׁענְקֶען פוּן דֶעם קְנַס וָואס אִיז אִין דִי תְּנָאִים אַיינְגֶעשְׁרִיבֶּען. פִּנְחָסְ׳לֶען הָאט מִיה גֶעקָאסְט אִיהם צוּ בֶּעוַוייזֶען אַז נִיט חַייעֶלֶע אִיז דִי מְשַׁנָּה אָבֶּער עֶר, וַוייל חַייעֶ׳לֶע זָאגְט נִיט חָלִילָה, אַז זִי וִויל דִיא תְּנָאִים אָבְּלָאזֶען. אַדְּרַבָּא, דֶער מְשַׁנֶּה וִויל עֶר גָאר זַיין, אִיז טַאקִי מֶעהְר יוֹשֶׁר אַז עֶר זָאל צָאהלֶן קְנַס; נוּר ר׳ הֶענִיךְ׳ן

זֶענֶען ר׳ פִּנְחָס׳לס רֵייד הַיינְטִיגְס מָאל אִין קָאפּ נִיט גֶעקְרָאכֶען. עֶר הָאט צַייטְענְוַויז אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלֶארֶען: צוּ אִיז נִיט ר׳ פִּנְחָס׳ל קְלִיגֶער אַלְס פְרִימֶער? ״בְּוַדַאי דַארְף עֶר אִיצְט הַאלְטֶען הַיילֶ׳עס צַד מֶעהר וִוי מַיין צַד!״ הָאט עֶר גֶעקְלֶערְט. סַיידֶען דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶען אַלֵיין וֶועט דֶעם יוֹשֶׁר זָאגֶען.״ מִיט דֶעם בֶּעשְׁלוּס הָאט עֶר זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְד אָבְּגֶעשִׁיקְט אַהֵיים אוּנ אִיז אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען דָא אַנַייעֶ אָרְדְנוּנְג אַיינְצוּפִירֶען אִין דֶעם וַואוַאד. אִיצְט אָבֶּער, אַז עֶר הָאט דֶערְהֶערְט אַז דִי כַּלָּה הָאט שׁוֹין חֲרָטָה אוּנ גֶעפִינְט זִיךְ צְוִוישֶׁען רֶבִּינְ׳ס פַאמִילְיֶע אִין זַיין הוֹיז, הָאט עֶר גֶעזוּכְט מִיט ר׳ פִּנְחָס׳לֶען שָׁלוֹם צוּ וֶוערֶען. ר׳ פִּנְחָס׳ל הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: ״אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה, אַז אִיהר הָאט מִיךְ חוֹשֵׁד גֶעוֶועזֶען: אַז אִיךְ בִּין אַ נוֹגֵעַ בַּדָבָר; אִיךְ וֶועל אַייךְ אָבֶּער נִיט מוֹחֵל זַיין. סַיידֶען אִיהר וֶועט פּוֹעֵל זַיין בַּיי חַייֶעלֶ׳ען עֶס זָאל דִי טֶאג דִיא חוּפָּה זַיין!״ ר׳ הֶענִיךְ הָאט אַלִ׳ין אָנְגֶעוֶוענְדֶעט אוּנ הָאט עֶנְדְלִיךְ פּוֹעֵל גֶעוֶועזֶען: מֶען הָאט דִי חוּפָּה בֶּעשְׁטִימְט. ר׳ שְׁלֹמֹה הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט עֶר אִיז מַסְכִּים אוּנ אוֹיף מָארְגֶען אָבֶענְד אִיז חַייֶעלֶע גֶעוָוארֶען ר׳ פִּנְחָס׳לְס וַוייבּ בְּחוּפָּה וְקִדוּשִׁין כְּדַת מֹשֶׁה וְיִשְׂרָאֵל. אֵיין ר׳ שְׁלֹמֹה הָאט נִיט גֶעקָאנְט אֶמֶת פְרֶעהלִיךְ זַיין. פַאר ר׳ זַלְמֶנְ׳קֶען הָאט עֶר עֶס מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען. ״בַּמִסְתָּרִים תִּבְכֶּה נַפְשִׁי! הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וָואס טְהוּט מֶען? וִוי קָאן אִיךְ בֶּאֱמֶת פְרֶעהלִיךְ זַיין, בְּעֵת אִיךְ דֶערְמָאן אַז דִי שִׂמְחָה אִיז אֵיינְגֶענְטְלִיךְ מַיין קְלָאג? דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער בְּרוּדֶער שְׁטֶעהט מִיר וִוי אַ לֶעבֶּעדִיגֶער פַאר מַיינֶע אוֹיגֶען אוּנ מִיר ווִילְט זִיךְ וֵויינֶען בְּעֵת אַלֶע פְרֵייהֶען זִיךְ...״ ״אִיהר דַארְפְט הָאבֶּען תִּקוּן,״ ר׳ שְׁלֹמֹה! הָאט ר׳ זַלְמֶנְ׳קֶע גֶעאֶנְטְוֶוערְט אוֹיסְהֶערֶענְדִיג זַיין צַעַר. פָאלְגְט מִיר, פָאהְרְט מִיט אוּנְז צוּם טַאטֶען, דֶער טַאטֶע זָאל לֶעבֶּען וֶועט אַייךְ מְתַקֵן זַיין אִיהר זָאלְט קוּמֶען צוּ דֶער מַדְרֵגָה פוּן אַ חָסִיד עוֹבֵד בְּיִרְאָה. אִיהר מוּזְט צוּ דֶער מַדְרֵגָה קוּמֶען, אִיךְ וֶועל אַלֵיין דֶעם טַאטֶען זָאל לֶעבֶּען בֶּעטֶען פַאר אַייךְ.

ר׳ שְׁלֹמֹה אִיז גֶעטְרֶעסְט גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט גֶעהָאפְט בַּאלְד צוּ דֶער מַדְרֵגָה צוּ קוּמֶען פוּן ״וְגִילוּ בִּרְעָדָה״. — אַלֶע הָאבֶּען פוּן חַייֶעלֶ׳עס חוּפָּה גֶעוואוּסְט, אַלֶע הָאבֶּען הֲנָאָה גֶעהַאט. וֶוער אִין קְלֵיינִיץ אִיז נִיט אַ חָסִיד אוּנ וֶועלְכֶער חָסִיד וֶועט זִיךְ אָבְּזָאגֶען אוֹיף ר׳ פִּנְחָס׳לְס שִׂמְחָה אַ טְרוּנְק בְּרוֹינְפֶען צוּ טְהוּן? בִּפְרַט אַז דֶעם רֶבִּינְ׳ס עֶלְטֶעסְטֶער זוּהְן ר׳ זַלְמֶנְ׳קֶע אִיז נָאךְ דָא אִין שְׁטֶעדְטֶעל, זָאגְט תּוֹרָה, נֶעהמְט צוּ פִּדְיוֹנוֹת פוּן יֶעדֶען וָואס גִיט, פוּן אִיטְלִיכֶען וִויפִיעל עֶר בְּרֶענְגְט אוּנ דִינְגְט זִיךְ נִיט. וִוי דָארְט בַּיי אִיהם אִין דֶער הֵיים! אוּנ דְרַיי טֶאג אוּנ דְרַיי נֶאכְט אִיז אִין שְׁטֶעדְטֶעל שִׂמְחָה שָׂשׂוֹן גֶעוֶועזֶען. זֶעלְטֶען וֶוער עֶס הָאט מִיט וַוייבּ אוּנ קִינְד אִין דֶער הֵיים מִיטָאג גֶעגֶעסֶען. זֶעלְטֶען וֶוער עֶס אִיז אִין דְרַיי טֶאג נִיט אֵיינְמָאל שִׁכּוֹר גֶעוֶועזֶען... אוּנ עֶס הָאבֶּען פוּן דֶער שִׂמְחָה זֶעלְבְּסְט קִינְדֶער אִין דִיא וִויעגֶען גֶעוואוּסְט, וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ הוּנְגְרִיגֶע גֶעבִּיךְ, גֶענוּג אָנְגֶעשְׁרִיעֶן בְּעֵת זֵייעֶרֶע פְרוּמֶע מַאמֶעס זֶענֶען אַלְס גֶעבֶּעטֶענֶע גֶאסְט בַּיי חַייֶעלֶ׳ען גֶעוֶועזֶען אִין שְׁטוּבּ, אָדֶער אַלְס נִיט גֶעבֶּעטֶענֶע — אַרַיינְגֶעקוּקְט דוּרְךְ דִיא אָפֶענֶע פֶענְסְטֶער חַייֶעלֶ׳עס גְדוֹלָה, אוֹיפְן גַאס אַרוּם שְׁטוּבּ.

נִיט גֶעוואוּסְט פוּן אַלֶעם דֶעם הָאט נוּר רָחֶלֶ׳ע, זִי אִיז וִוי אַ לֶעבֶּעדִיג בֶּעגְרָאבֶּענֶע גֶעזֶעסֶען אִין שָׂרָה׳לֶעס הַאלְבּ פִינְסְטֶערֶן דוּשְׁנֶעם חֶדֶר׳ל. דִי וֶועלְט נִיט גֶעזֶעהְן אוּנ פוּן דֶער וֶועלְט נוּר גֶעוָואלְט ווִיסֶען: וָואס טְהוּעֶן אִיהרֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ אוּנ שְׁוֶועסְטֶערְל? וָואס מַאכְט פֵייגֶע? וֶוען וֶועט זִי שׁוֹין קוּמֶען אַרוֹיסְצֶעהמֶען זִי פוּן אִיהר עֶנְגֶען קֶבֶר?

מֶעהר אַלְס דָאס הָאט זִי בַּיי שָׂרֶה'לֶען .קֵיינְמָאל נִיט גֶעפְרֶעגְט. חָאטְשׁ אִיהר הֶערְץ הָאט זֶעלְבְּסְט נָאךְ אִיהר מוּטֶער גֶעבֶּענְקְט אוּנ דֶער גֶעדַאנְק.וָואס דִי מוּטֶער הָאט גֶעוִוים, פוּן אִיהר פֶערְפַאלֶען וֶוערן.עַגְמַת נֶפֶשׁ, מוּז אוֹיסְשְׁטֶעהן לַייטִישֶׁע רֵייד, הָאט זִי גֶעפֵּיינִיגְט אוּנְעֶרְבַּארְמְלִיךְ. פֵיינֶע הָאט שָׂרֶה'לֶען אָנְגֶעזָאגְט: פוּן אִיהר מַאמֶעס חוּפָּה רָחֶלֶ'ען נִיט דֶערְצֶעהלֶן.-גֶענוּג אִיהר דִי פַּיין וֶועלְכֶע זִי הָאט אַלֵיין מִיטְגֶענוּמֶען, הָאט זִי שָׂרֶה'לֶען גֶעזָאגְט, -זִי הָאט גָאר אַזוֹי פִיעל כֹּחַ נִיט נָאךְ אַ נַייֶען צַער אוֹיסְצוּהַאלְטֶען. זָאגְט אִיהר, אַז מִיר וֶוערְט אוֹיךְ בֶּעסֶער אוּנ אִיךְ וֶועל בַּאלְד קוּמֶען צוּ אִיהר. זָאל זִיא זִיךְ טְרֶאסְטֶען, מַיין עֶלֶענְד קִינְד!" – שָׂרֶה'לֶע הָאט טְרַייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פֵיינֶעס רֵייד. רָחֶלֶ'ע הָאט רוּהִיג אוֹיסְגֶעהֶערְט, נִיט אִיבֶּערְפְרֶעגְט, מֶען זָאל נִיט מֶערְקֶען וָואס בַּיי אִיהר אִין הֶערְצֶען טְהוּט זִיךְ אוּנ שָׂרֶה'לֶע הָאט נִיט גֶעוואוּסְט אַז שׁוֹין דְרַיי נֶעכְט הָאט רָחֶלֶ'ע כִּמְעַט נִיט גֶעפְּרוּבְט עֶנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערן אוּנ אִיהר אִיז שׁוֹין דָאס לֶעבֶּען אִיבֶּערְדְרִיסִיג גֶעוָוארן. נוּר זִי הָאט זִיךְ נִיט בֶּעקְלָאגְט אוּנ שְׁטִיל אִיהרֶע פַּיין גֶעלִיטֶען. אֵיינְמָאל אַז שָׂרֶה'לֶע הָאט אִיהר גֶעזָאגְט, אַז אִיהרֶע מְחוּתָּנִים וַוארְטֶען נָאךְ, הָאט זִיא שְׁטִיל אוֹיסְגֶערֶעדְט: "מַיין לֵוִיָה וֶועלֶען זֵיי דֶערְוַוארְטֶען! אֶ, נִיט, פִּיעל, נִיט פִּיעל וֶועט עֶס נָאךְ גֶעוֶואהרן!..." שָׂרֶה'לֶע אִיז פֶערְצִיטֶערְט גֶעוָוארן פוּן דִי וֶוערְטֶער אוּנ פוּן דֶעם אִינֶערְלִיכֶען זִיפְץ מִיט וֶועלְכֶען זִי הָאט זֵיי אַרוֹיסְגֶערֶעדְט. זִי הָאט זִי טְרֶאסְטֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנ נִיט גֶעקָאנְט אִיהרֶע טְהרֶערן אַיינְהַאלְטֶען.

– נִיט טְרֶאסְט מִיךְ, שָׂרֶה'לֶע, נִיט וַויינְט! הָאט רָחֶלֶ'ע גֶעבֶּעטֶען, לֶעגְט אַייעֶר הַאנְד אוֹיף מַיין הֶערְצֶען אַרוֹיף אוּנ זֶעהט, אַז נוּר אַ שְׁטֵיין אַ שְׁוֶוערֶער לִיגְט אִיצְט אוֹיף דֶעם אָרְט, וואוּ עֶס אִיז אַ מָאל אַ הֶערְץ פוּן פְלֵיישׁ אִין מִיר גֶעוֶועזֶן. נִיט פוּן אַייזֶען, שָׂרֶה'לֶע, אִיז דֶער מֶענְשׁ, נִיט פוּן שְׁטָאל אִיז מַיין הֶערְץ, עֶס מוּז צוּפוֹילְט אוּנ צֶערִיסֶען וֶוערן!.....

שָׂרֶה'לֶע אִיז פוּן דִי רֵייד אַזוֹי גֶערִיהרְט גֶעוֶועזֶן אַז זִי הָאט נוּר וויינֶען גֶעקָאנְט. רָחֶלֶ'ע הָאט אוֹיךְ גֶעוויינְט. אוֹיף מָארְגֶען, אַז שָׂרֶה'לֶע הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט: וִוי פִּיהלְסְט דִיךְ הַיינְט, רָחֶלֶ'ע? הָאט זִי גֶעאֶנְטְוֶוערְט: "בֶּעסֶער, בֶּעסֶער, שָׂרֶה'לֶע!" אָבֶּער אִין אִיהר טָאן אִיז עֶטְוָואס בֶּעהַאלְטֶענֶעס גֶעוֶועזֶן וָואס הָאט דֶער גוּטֶער פְרוֹי נוּר אַנְגְסְט גֶעמַאכְט.

– שָׂרֶה'לֶע, הָאט רָחֶלֶ'ע ווידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען. אִיךְ הָאבּ תִּשְׁעָה בְּאָב אוֹיפֶן בֵּית עוֹלָם דֶעם סוֹף פוּן מֶענְשֶׁען גֶעזֶעהן. אִיךְ בִּין דֶערְבַּיי גֶעשְׁטַאנֶען וִוי מֶען הָאט שֵׁיינְדֶעלֶע ר' חַיִים'ס אִין פִינְסְטֶערן קֶבֶר אַרָאבְּגֶעלָאזֶען אוּנ מִיט עֶרְד בֶּעשָׁאטֶען. אִיךְ הָאבּ אָהן שְׁרֶעק אוּנ אַנְגְסְט נִיט גֶעקָאנְט דֶערְמָאנֶען וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהן; אָבֶּער אַז אִיךְ בֶּעדֶענְק אִיצְט, אַז דֶער סוֹף אִיז אוֹיךְ דֶער סוֹף פוּן אַלֶע לֶעבֶּענְדֶע, אוּנ אַזוֹי וִוי שֵׁיינְדֶעלֶען הָאט מֶען אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע אָבוֹת, אוּנְזֶער גֶאטְלִיכֶען מֹשֶׁה רַבֵּינוּ אוּנ אוֹיךְ מַיין קְלוּגֶען זֵיידֶען אוּנ לִיעבֶּען פָאטֶער אִין אַ עֶנְגֶען .קֶבֶר אַרָאבְּגֶעלָאזֶען אוּנ מִיט עֶרְד בֶּעשָׁאטֶען, פְרֶעג אִיךְ: אִיז דֶען וִוירְקְלִיךְ דֶער סוֹף אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג אוּנ שְׁרֶעקְלִיךְ וִוי מִיר זֶעהֶען אִיהם מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען? אִיז דֶען גָאט דֶער גוּטֶער אַזוֹי שְׁלֶעכְט אוּנְגֶעפְרֶעגְט אוּנז לֶעבֶּען צוּ לָאזֶען, כְּדֵי צוּ אַזַא טְרוֹיעֶרִיגֶען סוֹף אוּנז צוּ צוּפִיהרֶען? נֵיין, שָׂרֶה'לֶע, נִיט דָאס וָואס מִיר זֶעהֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען אִיז דֶער סוֹף פוּן אוּנז;

גור א טהיר א פינסטערע איז דער קבר, וואס פיהרט אונז פון דער נארישער וועלט ארויס אונ אין יענע בעססערע ליכטיגערע וועלט אריין! אהין, וואו אלעס איז גוט וואו אלעס איז אמת אונ טריי. וואו מיין זיידע אונ מיין טרייער פאטער ווארטען אויף מיר, אהין ציהט איצט מיין הערץ ווי מיט צוואנגען. דארט, וואו עס איז קיין רבי, קיין ר' פנחס'ל ניטא וויל איך אויף דעם ווארטען דער וואס איז מיר ליעבער ווי מיין לעבען!... אך, שרה'לע, ווי צופרידען וואלט איך איצט מיט א יונגען טוידט זיין, ווען דער איין געדאנק זאל מיך אזוי ניט פייניגען, וואס איך לאז דא מיינע עלענדע ברידערלעך אונ מיין ליעב קליין שוועסטער'ל אזוי עלענד, אזוי אליין!... יא, אויך וואס מיין משה'לע וועט מיך ניט פערגעססען קאנען אונ וועט וויינען נאך מיר!...

איהרע טהרערן האבען איהר שטימע פערשטיקט אונ זי האט ביטערליך געוויינט. שרה'לע האט מיט ניט בינדיגע ווארטער זי צו טרעסטען געזוכט.

— ניין, שרה'לע, ניטא נאך אזא פיין ווי דער פיין וואס פיהלט מיין הערץ איצונד! האט זי ווידער אנגעהויבען. צו וואס האט גאט אזא ליעבע אין מיינעם הערצען אנגעצונדען, בעת ער האט מיך אזוי שוואך בעשאפען ניט איבער דולדען צו קאנען די לייד אונ פיין וועלכע די ליעבע האט מיר געבראכט? צו וואס האט ער אזוי פיעל רחמנות אויף די עלענדע קינדער אין מיר אויפגעוועקט, בעת איך האב קיין כח ניט זיי צו העלפען? א, איך בעט אייך שרה'לע, ווען ער וועט קומען אונ מיך שוין דא ניט מעהר געפינען, זאלט איהר איהם זאגען, אז דארט, וואו א מוטער פערשטעהט איהר קינד, וואו א טרייער פעטער ווערט מיט זיין טרייהייט ניט פערפיהרט פון פאלשע מענשען, דארט אונטער דעם אייביגען שאטען פון יענעם אונענדליכען בוים, פון וועלכען ער האט מיר א מאל ערצאהלט, דארט ווארט איך מיט געדולד אונ פרייד אויף איהם!... קיין צייט וועט מיר ניט צו לאנג זיין, קיין עוויגקייט — צו פיעל!... פון מיינע ליידען אונ פיין דא, דערצעהלט איהם ניט, שרה'לע, צו וואס זאל ער עס וויסען? צו וואס זאל ער אין כעס זיין אויף די, וועלכע האבען עס מיר געטהון?!...

שרה'לע האט מיט טהרערן אלץ וואס זי האט פון איהר געהערט דער מוטער דערצאהלט. „שרעק דיך ניט, מיין טאכטער, האט די אלטע געטראסט, דאס הערץ טהוט איהר געביך וועה, גלייכער אז זי וויינט זיך אויס איידער זי קלויבט איהרע ביטערע טהרערן אין זיך". — פונדעסטוועגען האט זיא אליין ביי א געלעגענהייט רחל'ען ערקלארט וואס פאר א שווערע זינד עס איז ווען א מענש בעט א טוידט אויף זיך.

— גאט וועט דיזע זינד מיר מוחל זיין! האט רחל'ע געאנטווערט, ער וויים, אז דאס לעבען איז מיר אלע מאל ליעב אונ זיס געוועזן! ניט איך, גוטע רבקה, האב דיא וועלט פערדארבען, ניט איך האב דאס לעבען מיר ביטער געמאכט... אנדערע האבען עס געטהון...

— אבער ווער זענען דיא אנדערע? האט זיך דיא אלטע אכגערופען, האר נור וואס דוא רעדסט, רחל'ע! ניט קיין שונאים חלילה, זענען אויף דיר אנגעשטאנען, דיין אייגענע מוטער, רחל'ע, דיין פרומער גוטער פעטער!... פערלאנגסטו פון גאט אויף זיי א שטראף וואס זיי האבען אפשר נאריש געטהון, דיך צו צווינגען צו דעם וואס דיין הערץ דערלאזט דיך ניט?

רָחֶלֶע אִיז פוּן דֶער פְרַאגֶע אַזוֹי גֶערִיהרְט גֶעוֶועזֶן אַז נוּר אִיהרֶע טְהרֶערֶן הָאבֶּען פַאר אִיהר גֶעאֶנְטְוֶוערְט.

— זֶעה־זְשֶׁע, מַיין קִינְד, הָאט דִיא אַלְטֶע זִיא קוּשֶׁענְדִיג גֶעזָאגְט, זֶעה־זְשֶׁע, אַז דוּא בִּיזְט נָאךְ אַ קִינְד, דַיין גֶעפֵיינִיגְט הֶערְץ אִין דִיר וֵוייס אִיצְט אַלֵיין נִיט וָואס עֶס וִויל אוּנ צוּמִישְׁט דַיין מוֹחַ צוּ טְרַאכְטֶען אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען וָואס זֶענֶען אַ זִינְד גֶעגֶען דֶעם וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג.

— בֶּעט גָאט פַאר מִיר, רִבְקָה! הָאט זִיא חְלִיפֶּענְדִיג אוֹיסְגֶערֶעדְט, בֶּעט אִיהם, עֶר זָאל מִיר מוֹחֵל זַיין! אִיךְ בִּין אַלְלֶעמֶען מוֹחֵל, אַלְלֶעמֶען, טְהַייעֶרֶע רִבְקָה!...

— אָט אַזוֹי רֶעד, מַיין קִינְד! הָאט דִיא אַלְטֶע גֶעטְרֶעסְט, אָט אַזוֹי רֶעדְט אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער וָואס הָאט אַ אֶמֶתְ'ע אֱמוּנָה אִין אֵיינְצִיגֶען גָאט!

נָאךְ דֶעם גֶעשְׁפְּרֶעךְ הָאט שׁוֹין רָחֶלֶע מֶעהר פוּן טוֹידְט נִיט גֶערֶעדְט; נוּר דֶער גֶעדַאנְק אַז דֶער טוֹידְט אִיז פַאר אִיהר בֶּעסֶער, אִיז אִיהר פוּן זִינֶען נִיט אַרוֹיס אוּנ שְׁטִיל בַּיי נַאכְט פְלֶעגְט זִי פַאר גָאט אִיהרֶע טְהרֶערֶן פֶערְגִיסֶען עֶר זָאל אִיהר אִיהרֶע זִינְד דַארִיבֶּער מוֹחֵל זַיין. אַזוֹי זֶענֶען נָאךְ צְוֵויי טֶעג אַרִיבֶּער. אֵיינְמָאל הָאט זִיא שָׂרָה'לֶען גֶעזָאגְט: „וִויא הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶענַארְרט אוּנ אִין זִיךְ אַ טָעוּת גֶעהַאט, אַז אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט: אִיךְ וֶועל אַלֵיין קָאנֶען מִיט גֶעדוּלְד אַרִיבֶּערְטְרָאגֶען! וִויא רַייסְט דָאס הֶערְץ אִין מִיר, וִויא וִוילְט זִיךְ מִיר לוֹיפֶען אֵיין קוּק הָאטְשׁ טְהוּן אוֹיף מַיינֶע יְתוֹמִים'לֶעךְ! וִויא לֶעבֶּען זֵיי? וָואס טְהוּעֶן זֵיי אָהן מִיר?! וִויא וִוילְט זִיךְ מִיר זֶעלְבְּסְט דֶער מוּטֶער צוּ דִיא פִיס פַאלֶען, זִיךְ אוֹיסְוֵויינֶען פַאר אִיהר אוּנ אִיהרֶע הָאנְד מִיט מַיינֶע הֵייסֶע קוּשֶׁען בֶּעדֶעקֶען! אַךְ, אוֹיךְ מַיין צִימֶערְל, מַיין בֶּעטְל וִויל אִיךְ זֶעהן אוּנ זָאגֶען פֵיינֶען, אַז זִיא הָאט מִיךְ נַארְטֶען גֶעלָאזְט, לֶאנְגֶער וִויא מַיין גֶעדוּלְד אִיז, מֶעהר וִויפִיעל מַיינֶע כּחוֹת זֶענֶען! אָ, וֶוען אִיךְ זָאל דָארְט נוּר גִיטֶעלֶע דֶעם רֶבִּינְ'ס נִיט זֶעהן!... פֶערְצַייהֶע עֶס מִיר גָאט, דִיא פְרוֹי הָאט מִיר נוּר פְרַיינְדְשַׁאפְט, נוּר טְרַייהֵייט בֶּעוִויזֶען, פַאר וָואס צִיטֶערְט מַיין הֶערְץ אַזוֹי פַאר דֶעם גֶעדַאנְק, מִיט אִיהר זִיךְ צוּ בֶּעגֶעגֶענֶען!?

שָׂרָה'לֶע הָאט דִיא רֵייד בַּאלְד דֶער מוּטֶער אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אוּנ דִיא אַלְטֶע אִיז צוּ רָחֶלֶ'ען אַרַיין אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהר צוּ צוּרֶעדֶען, טָאמִיר הָאט זִיא בֶּאֱמֶת חֲרָטָה אוֹיף אַלֶץ, זָאל זִיא טַאקִי גֶעהן אוּנ דִיא מוּטֶער מְחִילָה בֶּעטֶען, „אֶפְשַׁר אִיז דִיר בֶּאֱמֶת אַזוֹי בֶּעשֶׁארְט, לִיעבֶּע רָחֶלֶע, הָאט דִיא אַלְטֶע גֶעזָאגְט, דוּא זֶעהסְט דָאךְ אַלֵיין וִויא שְׁוֶוער עֶס אִיז פוּן אַ בֶּעשֶׁערְטֶע זַאךְ צוּ עֶנְטְלוֹיפֶען. גֶעה, מַיין קִינְד, אוּנ גָאט זָאל דִיךְ צוּם גוּטֶען פִיהרֶען! אִיךְ הָאף דוּא וֶועסְט אוּנז קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט לָאזֶען טְהוּן, מִיר הָאבֶּען דִיךְ נִיט צוּגֶערֶעדְט, נִיט אָבְּגֶערֶעדְט חָלִילָה.

— נֵיין, טְהַייעֶרֶע רִבְקָה! הָאט זִיא גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אַייעֶר שָׂרָה'לֶע הָאט מִיךְ נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען. אִיךְ וִויל נוּר גֶעהן אַקוּק טְהוּן, נָאךְ אַמָאל מִיט מַיינֶע אוֹיגֶען זֶעהן מַיינֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ, מַיין שְׁוֶועסְטֶערְל, אוֹיךְ מַיין מוּטֶער וִויל אִיךְ זֶעהן; פוּן וַוייטֶען זֵיי נוּר זֶעהן צוּ לֶעבֶּען זֵיי הָאטְשׁ. מִיר דַאכְט אַלֶץ, אַז אַלֶע וֵויינֶען אוּנ קְלָאגֶען דָארְט. פִיהרְט מִיךְ צוּ צוּם פֶענְסְטֶער פוּן מַיין הֵיים אוּנ וַוייזְט מִיר הָאטְשׁ אַז זֵיי

לעבען און איך וועל נייע כּחות בעקומען צו קאָנען ליידען וויפיעל מיר איז נאָך צו ליידען בעשערט ! ...

— גוט. איך וועל דאָס דיר טהון, האָט די אַלטע נאָכגעגעבען; אָבער איידער מיר געהען מוז איך דיר זאָגען, אַז נאָך אַ מאָל, חלילה, צו דאַרפען פון דער חופּה ענטלויפען ווינש איך דיר ניט און דיינע כּחות וועלען דיר גאָר אויף אַזוי פיעל ניט דיגען ! ... זיי עהרליך מיט מיר, מיין קינד !

— איך וועל עהרליך זיין, רבקה ! האָט זי פערזיכערט, פיהרט מיך נור צום פענסטער צו איידער מען לעגט זיך שלאָפען.

ביי נאַכט האָט די אַלטע רחלען אין שׂרה'לעס קליידער אָנגעטהון, פערוויקעלט איהר פּנים ביז ניט צו ערקענען און האָט זי דורך שטילע זייטען גאַסליך צוגעפיהרט ביז צו איהר היים. פריהער וויא אַלץ איז רחלע צו צום פענסטער פון קינדער צימערל און זי האָט מיט איהרע אויגען געזעהן: איהר קליין שוועסטערל זיצט אין בעטעל און וויינט, דאָס קליין ברודערל זיצט אַ האַלב נאַקעטער אויף אַ ברעג בעטל און מאַטעלע שטעהט פאַר איהם אויף די קניע און קניפּט אָב מיט די צאַנדלעך דאָס קניפּעל פון דעם ברודערלעס שיכעלעך. „לערנט אייך, עלענדע קינדער, אָהן מיר אויסקומען ! אָ, ווייסט איהר, ליעבע ברידערלעך, וויא עלענד שטעהט דאָ אייער שוועסטער געבען אייך ?“ האָט זי שטיל אויסגערעדט.

— נו זעהסטו, אַז זיי לעבען ! האָט די אַלטע געזאָגט רחלעס האַנד אויף איין מינוט ניט אָבלאָזענדיג. „בריליאַנטענע קינדערלעך, גאָט זאָל זייער פאָטער זיין !“

— יאָ, זיי לעבען ! האָט רחלע שטיל געאַנטווערט, זיי לעבען און וועלען לעבען ! נור ניט וויסען זאָלען זיי מיין פּיין, מיין שמערץ ! ...“

זי איז צום צווייטען פענסטער צו. דאָס גאַנצע צימער האָט גאָר אַ אַנדער פּנים געהאַט, אַנדערע מעבעל, אַנדערע זאַכען, אַלץ איז דאָ אַנדערש געוואָרן — „ערקען איך מיין חדר ניט, וואו איך האָב פון מיין פריהען יוגענד מיין רוהע, מיין גליק און לייד געהאַט ? האָט זיא צו זיך גערעדט. „גיטעלע איז דאָ געווים. וואו האָבען זיי פאַר מיר אַ אָרט געלאָזען ? ניין, מיין אָרט איז דאָרט, נעבען מיין זיידען אויף דעם בית עלמין ... אַך, ווי ווילט זיך מיר שוין קומען אַהינצו !“

די אַלטע האָט זי פון דעם פענסטער אָבגעצויגען און צוגעפיהרט צום פראָנט און זייא האָבען דורך די אָפענע פענסטער געזעהן: אַ עולם יודען אַרום טיש, מען עסט, מען טרינקט, אַלע ליבט און לאַמפּען ברענען, ר׳ פּנחס׳ל טראָגט אַ טהייערע סאָבעלנע היטעל און איז פריילך. זי האָט אויך דאָס פאַרנעהמע אויסזעהן פון ר׳ זלמנקע דעם רבינ׳ס ערקענט, נעבען איהם איז איהר פעטער ר׳ שלמה געזעסען און מיט ערענסט צוגעהערט וואָס ר׳ זלמנ׳קע רעדט. אויך איהר מחותּן ר׳ העניך׳ן האָט זי ערקענט און איהר איז אַ קעלט אַריבער איבערן לייב. און דאָרט אין גאַסטינע זעהט זי איהר מוטער איינגעדעקט אין זייד און סאַמעט, בריליאַנטען בליצען און שטראַהלען פון איהרע פינגערלעך און אויהרינגלעך און איהר פּנים שיינט פון פרייד. זי לאַכט צו גיטעלען און גיטעלע צו איהר און נאָך ווייבער זיצען אַרום טיש און קינגע פון זיי איז

נִיט אוּנמוּטהִיג. רָחֶל'ע אִיז בְּלַאס גֶעוָוארן אוּנ דִי אַלְטֶע הָאט גֶעפִיהלְט וִוי זִי צִיטֶערְט מִיט אַלֶע גְלִידֶער.

אָ, גֶעהמְט מִיךְ צוּ פוּן דַאנֶען! הָאט זִי מִיט אַ פֶערְשְׁטִיקְטֶער שְׁטִימֶע גֶעבֶּעטֶען, פִיהרְט מִיךְ צוּרִיק צוּ אַייךְ. אִין אַייעֶר צִימֶערל אִיז מִיר בֶּעסֶער, אִיז מִיר לִיכְטִיגֶער!...

דִי אַלְטֶע הָאט אַלֵיין גֶעוֵויינְט קוּקֶענְדִיג, וִוי דָא אִיז אַזוֹי פְרֶעהלִיךְ, בְּעֵת דָאס שְׁטֶאנְדִיג גְלִיקְלִיךְ קִינְד פוּן דֶעם גְלִיקְלִיכֶען רַייכֶען הוֹיז שְׁטֶעהט גֶעבִּיךְ אַזוֹי בֶּעטְרִיבְּט אוּנ פֶערְוָואגֶעלְט אוּנ קָאן אִין שְׁטוּב נִיט אַרַיינְקוּמֶען. רָחֶל'ע הָאט זִיךְ נוּר וִוי אַ קְרַאנְק קִינְד צוּגֶעטוּלֶעט צוּ דֶער אַלְטֶער, וִוי זִי וָואלְט זִיךְ אִין אִיהר גֶעוָואלְט בֶּעהַאלְטֶען פוּן אִיהרֶע אִינֶערְלִיכֶע פַּיין אוּנ אַזוֹי זֶענֶען זֵיי בֵּיידֶע שְׁטוּם וִוי דִי פֶערְשְׁטֵיינֶערְטֶע אַהֵיים אַוֶועק.

שְׂרֶהלֶע הָאט דָא דֶערְוַוייל אוֹיסְגֶעוַואשֶׁען רָחֶל'עס צִימֶער, אִיהר קוֹפֶּערְנֶעם סַאמָאוַואר'ל אוֹיסְגֶעסַייעֶרְט אוּנ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט, גְלֶאזֶער רֵיין גֶעמַאכְט אוּנ אַלְץ צוּגֶעגְרֵייט. טָאמִיר קוּמְט רָחֶל'ע צוּרִיק, הָאט זִי גֶעקְלֶערְט, זָאל זִי זֶעהן, אַז אִיךְ בִּין נִיט מִיד זִיא הַאלְטֶענְדִיג" אוּנ זִי הָאט זִי וִוירְקְלִיךְ מִיט פְרֵייד אוּנ מִיט טְהרֶערן בֶּעגֶעגְנְט. דִי אַלְטֶע הָאט אִיהר אָבֶּער אַ וואוּנְק גֶעטְהוּן זִי זָאל זִי צוּרוּה לָאזֶען. דָאס סַאמָאוַוארל אוֹיפְ'ן טִישׁ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בִּיז עֶס אִיז קַאלְט גֶעוָוארן. קֵיינֶער הָאט זִיךְ צוּ דִי טְהֵיי נִיט צוּגֶערִיהרְט; נוּר שְׁטִיל אוֹיף אִיהר בֶּעט הָאט רָחֶל'ע הַיינְט אִיהרֶע טְהרֶערן גֶעטְרוּנְקֶען.

## יג.

ר' פִּנְחָס'ל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען וֶוענֶען פָאהרֶן אַהֵיים אוּנ פוּן שְׁטוּב הָאט מֶען בִּיסְלֶעכְוַוייז דִי זַאכֶען קֵיין ווִינָאגְרַאדְקֶע אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט. גִיטֶעלֶע הָאט גֶעזָאגְט: „אָהן חַייעֶ'לֶען פָאהר אִיךְ אוֹיךְ נִיט, סַיִידֶען חַייעֶ'לֶע וִויל: דֶער טַאטֶע זָאל לֶעבֶּען אַלֵיין זָאל קוּמֶען נָאךְ מִיר". „אִיהר זֶענְט אַלֶע מַיין רָחֶל'עֶן נוּר טְרַייעֶ פְרַיינְד", הָאט חַייעֶ'לֶע גֶעאֶנְטְוָוערְט, אִיךְ בִּין אִיהר אָבֶּער אַ מַאמֶע אוּנ אִיךְ קָאן אַזוֹי רוּהִיג נִיט אַוֶועקְפָאהרֶן וִוי אִיהר!... אִיךְ הָאבּ יֶענֶע נַאכְט נִיט גֶעקָאנְט שְׁלָאפֶען, גָאט וֵויים וָואס מִיט אִיהר אִיז גֶעשֶׁעהן? וָואס זְשַׁאלִיוֶועט זֵיי דָארְט בַּיי אַייךְ אַ בְּרִיוֶועל אוֹיפְצוּשְׁרַייבֶּען?

– הֶערְסְטוּ פִּנְחָס הָאט זִיא צוּ אִיהר נַייעֶן מַאן גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל נִיט פָאהרֶן בִּיז עֶס וֶועט אַ קְלָארֶע יְדִיעָה זַיין, אַז מַיין קִינְד אִיז נָאךְ אִין ווִינָאגְרָאדְקֶע!

– פוּן וַואנֶען ווַייסְטוּ אַז עֶס נִיטָא קֵיין יְדִיעָה? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט.

– וֶועה אִיז מִיר, וֵוינְד אִיז מִיר! הָאט חַייעֶ'לֶע אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן, אִיהר הָאט אַ יְדִיעָה אוּנ פוּן מִיר פֶערְלֵייקֶענְט מֶען? הָאט רַחֲמָנוּת אוּנ זָאגְט שׁוֹין אַרוֹיס וָואס מַיין לִיעבּ קִינְד אִיז גֶעשֶׁעהן?!" זִי הָאט זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ פַאנַאנְדֶער גֶעוֵויינְט.

– זַיי אַ מֶענְשׁ חַייעֶ'לֶע! הָאט ר' פִּנְחָס'ל אָנְגֶעהוֹיבֶּען. זַיי וִויסֶען: מִיר הָאבֶּען אַ קְלָארֶע יְדִיעָה, אַז רָחֶל'ע אִיז גָאר אִין ווִינָאגְרָאדְקֶע נִיט גֶעוֶועזֶען. זִי אִיז בַּיי דַיין גֶעוֶועזֶענֶער שְׁוָואגֶערִין, אַט דֶעם מוּפְקָר'ם מוּטֶער; זִי הָאט טַאקִי דָארְט דִי גְרוֹיסֶע צָרוֹת, סֶען שְׁרַייט גֶעוַואלְד זִי זָאל אַהֵיים פָאהרֶן אוּנ זִי פֶערְשְׁטֶעהט שׁוֹין אִיהר חֵטְא וָואס זִי הָאט גֶעטְהוּן אוּנ שֶׁאמְט זִיךְ אַהֶער אִין קְלֵיינִיץ צוּרִיק צוּקוּמֶען. מַיין

וָוארְט גִיבּ אִיךְ דִיר, אַז אִיךְ אַלֵיין וֶועל פָאהרן אוּנ זִיא דִיר אִין שְׁטוּבּ אַ לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנ אַ גֶעזוּנְדְטֶע בְּרֶענְגֶען!

— פַאר וָואס הָאט מֶען מִיךְ גֶענַארְט? הָאט חַייֶעלֶע גֶעשְׁרִיעֶן, אִיךְ וָואלְט שׁוֹין בִּיז אִיצְט בַּיי מַיין קִינְד גֶעוֶועזֶן! וֶועה אִיז מִיר, וִוי וֶועל אִיךְ פַאר דֶער וֶועלְט יוֹצֵא זַיין!

— נִיט פוּן דַיינֶעטְוֶועגֶען הָאט מֶען דָאס גֶעטְהוּן, חַייֶעלֶע... הָאט ר׳ פִּנְחָסְל עֶרְקְלֶערְט: פוּן דֶעם מְחוּתָּנְ׳ס וֶועגֶען הָאט מֶען גֶעמוּזְט זָאגֶען אַז דִי כַּלָּה אִיז אִיצְט בַּיי אוּנְז אִין ווינָאגְרָאדְקָא. דוּ וֵוייסְט אַז עֶר וָואלְט אֲפִילוּ עַל פִּי דִין תּוֹרָה גֶעוואוּנְגֶען, עֶר זָאל פַאר דָאס הוֹיז אֵיין גְרָאשֶׁען נִיט בֶּעצָאהלֶען? אַכַּלָּה וָואס עֶנְטְלוֹיפְט פוּן דֶער חוּפָּה אִיז אֶרְגֶער וִוי תְּנָאִים אָבְּשִׁיקֶען!.... דַאנְק גָאט, וָואס הֶענִיךְ וֵוייס נִיט וואוּ זִיא אִיז!...אִיךְ הָאף נָאךְ: דַיין קִינְד פוּן אוּנְגְלִיק אַרוֹיסְצוּרַאטֶעוֶועֶן מִיר זָאלֶען בֶּאֱמֶת פוּן אִיהר נַחַת הָאבֶּען פַאר אוּנְזֶער צַעַר ...דַיין קִינְד,חַייֶעלֶע, אִיז אוֹיךְ מַיין קִינְד, פֶערְלָאז זִיךְ אוֹיף מִיר, נִיט וֵויין, נִיט קְלָאג, פָאלְג נוּר וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען אוּנ קוּק אוּנ שְׁוַייג!... לָאס מִיר פָאהרן, מֶען טָאהר דָא מֶעהר אַ אִיבְּרִיגֶע שָׁעָה נִיט פֶערְבְּרֶענְגֶען, זָאל דֶער מְחוּתָּן פוּן אוּנְזֶער סוֹד נִיט גֶעוָואהר וֶוערן!...

— ר׳ שְׁלֹמֹה וֵוייס עֶס שׁוֹין? הָאט זִי מִיט אַ פֶערְקְלֶעמְטֶען הֶערְצֶען גֶעפְרֶעגְט.

— נֵיין, עֶר וֵוייס עֶס נִיט. עֶר אִיז נָאךְ מֶעהר יוֹדֶעגֶע וִוי דוּ; דֶערְפַאר אָבֶּער הָאבּ אִיךְ אִיהם צוּגֶערֶעדְט מִיט אוּנְז מִיטְצוּפָאהרן בִּכְדֵי עֶר זָאל עֶס וִויסֶען; טָאמִיר וֶועט מֶען דַארְפֶען זָאל עֶר טַאקִי בַּיי דֶער הַאנְד זַיין מִיט מִיר מִיטְצוּפָאהרן זִיא פוּן אַ אוּנְגְלִיק צוּ רַאטֶעוֶועֶן, פֶערְשְׁטֶעהסְטוּ? הֵייס אַיינְפַּאקֶען דִי זַאכֶען!

חַייֶעלֶע הָאט זִיךְ אִין שְׁטִילֶען אוֹיסְגֶעוֵויינְט אוּנ גֶעהֵייסֶען פַּאקֶען דִיא זַאכֶען. גֶעהן זִיךְ גֶעזֶעגְנֶען מִיט בֶּעקֶענְטֶע אוּנ קְרוֹבִים הָאט זִיא נִיט בֶּעדַארְפְט. אַלֶע זֶענֶען צוּ אִיהר גֶעקוּמֶען; נוּר דְבוֹרָה׳ן, אִיהר גֶעוֶועזֶענֶע שְׁוֶוענֶערִין הָאט זִיא דֶעם כָּבוֹד אָבְּגֶעגֶעבֶּען אוּנ הָאט בַּיי אִיהר מִיט אַלֶע אִיהרֶע לִיעבֶּע גֶאסְט אַ גֶעזֶעגֶענְמָאלְצַייט גֶעגֶעסֶען אוּנ זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט אִיהר אִין אִיהר שְׁטוּבּ. דָאנֶערְשְׁטִיג גַאנְץ פְרִיה זֶענֶען שׁוֹין דִיא קַארֶעטֶען אַיינְגֶעשְׁפַּאנְטֶע גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶער טְהִיר. דִיא זַאכֶען אוּנ מֶאבֶּעל הָאט מֶען נָאךְ נֶעכְטֶען פֶערְפַּאקְט אוֹיף דִי וֶואגֶען אוּנ נָאךְ דֶעם, אַז חַייֶעלֶע הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעוֵויינְט אוּנ אַלֶע מְזוּזוֹת אוֹיף יֶעדֶער טְהִיר אָנְגֶעקוּשְׁט אִיז זִיא מִיט נִיטֶעלֶען אִין קַארֶעט אַרַיין אוּנ דָאס קְלֵיין טֶאכְטֶערל מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען. „גֶערִיס מַיין פְלֶעמֶענִיצֶע, רָחֶלֶען!„ הָאט דְבוֹרָה נָאכְגֶעשְׁרִיעֶן, „זָאג אִיהר, חַייֶעלֶע, אַז אִיךְ בִּין אִיהר אַלֶץ מוֹחֵל, נוּר נַחַת וִויל אִיךְ אָן אִיהר זֶעהן!„ ר׳ שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ מִיט ר׳ זַלְמֶנְקֶען אִין קַארֶעטֶע אַרַיינְגֶעזֶעטְצְט אוּנ הָאט דִיא בֵּיידֶע יוּנְגְלֶעךְ צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען.

— זַיי גֶעזוּנְד דְבוֹרָה, הָאט עֶר פוּן קַארֶעטֶע אַרוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן, אָט הֶערְט ר׳ זַלְמֶנְקֶע אָהן דִיר וֶועט מֶען דִיא חֲתוּנָּה רָחֶלֶ׳עס נִיט שְׁפִּיעלֶען, אִיךְ וֶועל דִיר גָאר אִין גִיכֶען אַ דֶעפֶּעשֶׁע קְלַאפֶּען זָאלְסְט צוּ דֶער חֲתוּנָּה קוּמֶען!„ ר׳ הֶענִיךְ מִיט ר׳ פִּנְחָסְלֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט אִין חַייֶעלֶעס וָואגֶען אוּנ בֶּערֶעלֶע שְׁפַּאק אִיז זַייעֶר קוּטְשֶׁער גֶעוֶועזֶן. נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּט זֶענֶען דִיא מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען דֶעם רֶבִּינְ׳ס קִינְדֶער זַייעֶר כָּבוֹד אָבְּגֶעבֶּען, דָא גֶעשְׁטַאנֶען, גֶערֶעדְט, הַשְׁעָרוֹת גֶעזָאגְט אוּנ זֶענֶען זִיךְ פַאנַאנְדֶערְגֶעגַאנְגֶען, גֶעבְּלִיבֶּען דָא אִיז נָאר דְבוֹרָה, אִיהר אִיז שְׁוֶוערֶער מִיט

איהר שוועה'ס געוועזן הויז זיך געזעגנען, אלס מיט איהר געוועזענער שוואגערין. זי איז אין שטוב אריין, זיך גוט אויסגעוויינט אין יעדען צימער קוקענדיג אויף דיא פוסטקייט וואס דא איז געווארן. איהר האט געדאכט אז זעלבסט דיא ווענדט העלפען איהר וויינען און איז אומגעגאנגען פון איין צימער צום אנדערן און איהרע טהרערן האבען זיך אהנע אויפהער געגאסען! באלד אבער האט יעמאנד פון נאס דיא לאדענס צוגעמאכט און זיא האט געהערט וויא מען פערשלאגט אויך מיט ברעטער איבער דיא לאדענס. זיא איז אין דער פינסטער געבליבען און איז מיט א שווער הערץ פון שטוב ארויס און איז וויינענד צו דער קראנקער פייגען אריין.

– ווער עס בויט און ווער עס וואהנט! האט זיא פייגען געזאגט. גאט דער לעבעדיגער ווייס צו וועט נאך האטש רחל'ע אמאל אין נחת דא וואהנען אין איהר טאטענס שטוב? עס איז אפשר גלייכער וואס זיא איז איצט ניטא און זעהט ניט מיט איהרע אויגען דעם חורבן וואס איז פון איהר ליעבען פאטערס האב און גוטס געווארן. מעהר וויא דיא צובראכענע שארבלעך האט חייעלע דא ניט געלאזען.

– און אויך מיך האט זיא וויא א צעבראכענעם שארבען דא עלענד אויף מיין קראנקען בעט געלאזען! האט פייגע אויסגעקראכצט. נור איך האב צו איהר ניט, בעסער דא צו שטארבען איידער ערגעץ אנדערשוואו צו לעבען! גענוג מיר לעבען, גאט איז געדאנקט, איך האב צו קיינעם קיין טענות ניט.

דבורה איז א צעבראכענע און בעטריבטע אהיים אוועק. שרה'לע איז געקומען און האטש איהר האט אויך דאס הערץ פערקוועטשט דעם סוף פון דעם גליקליכען הויז צו זעהען איז זיא אבער צופרידען געוועזען וואס רחל'ע וועט באלד פון איהר תפיסה אויסגעלייזט ווערן און זיא וועט מעהר קיין מורא האבען האטש א דאקטאר צו רופען צו איהר, וואראום פון יענעם אבענד וואס רחל'ע האט אונטערן פענסטער צוגעקוקט וויא גליקליך, וויא פרעהליך איהר מוטער איז, בעת זיא ווייס אפילו ניט וואו איהר קינד איז – איז זיא אין א מרה שחורה אריינגעפאלען, רעדט נישט, פערלאנגט נישט און עסט כמעט אויך נישט. פייגע אבער האט געזאגט: „זאל זיא דיר ניט צו שווער זיין, שרה'לע, ביז איבער שבת. איהר מחותן, דאכט מיר, איז נור זיי בעגלייטען געפאהרן און וועט באלד צוריק קומען, ער איז א פראסטער מענש, ער וועט זיך ניט שאמען איהר צער אנצוטהון אז ער וועט זיא דא דערזעהן. ער קאן א דעפעשע קלאפען אז זיי זאלען זיך אלע אומקעהרן, זאג איהר נאך גאר נישט, איך וועל אליין זיא שיקען רופען אז דיא שעה וועט קומען!..."

שרה'לעס מוטער האט אויך מסכים געוועזן אז רחל'ע זאל דעם שבת נאך דא זיין און זיי האבען איהר פון קיין זאך ניט ערצעהלט. זיא איז וויא אין חלום וואכענד געלעגען גאנצע טאג און גאנצע נאכט און האט זעלבסט צו וויינען אויפגעהערט. פרייטאג אין דער פריה האט איהר שרה'לע א טעלער זופ צוגעטראגען.

„פערצייהעט שרה'לע", האט זיא געזאגט, איך בין דאפעלט אונגליקליך וואס איך מאך אייך נור צער און אנגסט מיט מיין אונגליק. איך פיהל מיך אזוי מיר, אזוי שוואך און אבגעמארטערט וויא איך וואלט אין דער צייט בערג איבערגעקעהרט! איך האב יענע נאכט ניט געשלאפען, מיר דאכט: איך וועל איצט ענטשלאפען

ווערן. לאזט מיך, איך וועל שפעטער עסען! שרה'לע האט זיא אליין געלאזען און איהרע ערב שבתדיגע ארבייט שטיל געטהון ניט אויפצוּוועקען רחלען טאמער שלאפט זיא. פיער א זייגער איז זיא צו איהר אריינגעקומען און איז ערשראקען געוואָרן אז זיא האט רחלען דערזעהן. דאס שאנע בליהענדע געזיכט איז בלאס געוואָרן וויא קאלך, דיא ליכטיגע אויגען — וויא אויסגעלאשען. וואס איז דיר, ליעבע רחלע? האט דיא גוטע פרוי מיט אנגסט אויסגעשריען.

— זאגט מיר, שרה'לע. שיינט נאך נאטס זונן אין הימעל? האט רחלע אויסגערעדט, לעבט נאך ווער דארט; וואו עס איז א מאל מיין היים געוועזן?... וויל נאך ווער לעבען און אויף נוטס ווארטען אין דער פינסטערער וועלט? א, מיר דאכט: נאט האט זיין ליכטיגע זונן אין הימעל אויסגעלאשען. שטיל וויא אין א קבר און אזוי שרעקליך און טרויעריג איז אליין ארום מיר, הער איך נאך ווען עפיס א קול, א בעוועגונג דאכט מיר, אז דאס איז געוויש פון דיא פערוועלקטע בלאטלעך, וועלכע דער ווינד רייסט אראב פון דיא איינזאמע טרויעריגע בית עולם בוימעלעך...

— דו ביזט קראנק, ליעבע רחלע! האט שרה'לע מיט טהרערן אין דיא אויגען געאנטוועָרט און איז צו צום פענסטערל, מיט כח דיא לאדען פאנאנדער געריסען. א שטראם ליכט און לופט איז אין חדר'ל אריין. „נא, זעה, האט זיא געזאגט רחלעס האנד אנגעהמענדיג, זעה מיט דיינע אויגען, אז דיא זונן שיינט נאך, דיא וועלט איז ליכטיג און שאן, עס לעבען מענשען און ווילען לעבען; נור דו קלערסט איבערן קאפ, באלד, באלד וועסטו אויסגעלייזט ווערן, אפשר נאך היינט וועסטו קאנען א היים געהן.

— א היים געהן? וואו איז מיין היים? האט זיא געפרעגט און איהרע אויגען האבען ווידער פון טהרערן אנגעהויבען בלישטשען. שרה'לע האט ניט געוואוסט וואס צו אנטווערן און איז בעטריבט געבליבען זיצען נעבען איהר. „וואס איז היינט?" האט רחלע ווידער געפרעגט. „היינט איז פרייטאג, רחלע, באלד שבת, באלד צייט ליכט בענשען!" האט שרה'לע געאנטווערט.

— באלד ווידער שבת! האט זיא אויסגעזיפצט. וויא ליעב וואר מיר דער פרייטאג, וויא היילינ איז מיר דער שבת געוועזן! וויא האב איך מיך געפרעהט, ווען איך פלעג מיינע דריי ליכט לכבוד שבת אנצינדען! ווער האט מיין היילינען שבת פערשטערט? ווער האט מיינע געבענשטע ליכט אויסגעלאשען? וועמען האב איך שלעכטס געטהון, וואס איך האב מיין גליק אין מיין איינענעם הערצען געפונען?... נײן, איך בין זיי מוחל, זאל זייא אויך דו מוחל, גאט אין הימעל!

דיא אלטע איז אריינגעקומען און האט דאס טישעל מיט א ווייס טישטיכעל אריבערגעדעקט און א פאר אויסגעסייערטע בלעכענע לייכטער מיט הלבנע ליכטלעך אוועקגעשטעלט. רחלע האט געבעטען א ביסעל וואסער דאס געזיכט איינצו וואשען. שרה'לע האט באלד וואסער מיט זייף געבראכט, זיא האט דאס געזיכט אבגעוואשען, איהרע שאנע שווארצע לאנגע האאר פערקאמט און ליכט געבענשט. נעגען דיא געבענשטע ליכט האט איהר געזיכט ווידער אנגעהויבען צו שיינען. ארויט פארב האט אין איהרע צארט ווייסע באקען געשפיעלט און אין איהרע גרויסע שווארצע אויגען האט זיך ווידער אנגעצונדען יענס בעצויבערנד פייער וואס האט שטאנדיג

וויא דיא זונן געוואַרעמט און בעלייכטעט דאס הערץ פון דעם וואס האט זיא אָנגע-
נעקוקט. שרה׳לע האט איצט אין איהר אַ מלאך אַ שאַנעם פון היטעל געזעהן. איהר
הערץ האט געפיהלט רחמנות און ליעבע צו איהר און זיא וואלט זעלבסט איהר נשמה
איהר אין דער מינוט אַוועקגעגעבען. אויך דיא אַלטע האט איהרע אויגען ניט געקאנט
אַראָבנעהמען פון רחל׳ען, איהר האט געדאַכט אַז איהר געזיכט שטראַהלט און פון
איהרע ליכטיגע אויגען איז דאס גאַנצע צימער אַזוי ליעב און ליכטיג. געריהרט
פון איהר שאַנקייט איז זי צו איהר צוגעגאַנגען, ביידע האַנד אויף רחל׳עס קאָפּ
אַרויפגעלעגט, זיא געבענשט און אין איין נאַנג אויך אַ עין הרע אָבגעשפּראָכען.

– דיך מוז בענשען, מיין ליעב קינד, ווער נור עס זעהט דיך! האט זיא געזאָגט.
גאָט אַליין האט דיך געבענשט און וויא דיא ליכטיגע זונן אין קלאָרן היטעל שיינט
זיין ברכה אויף דיין שאן פּנים! וואס ווייסטו, מיין טאָכטער, וויא ליכטיג האָסטו
מיין אָרעם שטיבעלע געמאַכט. וואס פאַר אַ פרייד עס איז דיך אַ פראַהליכע, אַ מונטערע
צו זעהן לכבוד דעם היילינען שבת!

שרה׳לע האט נאָך פריהער איהר לייבעלען אויסגעפוצט אין דעם סאַמעטענעם
קאַסטיומעל וואס רחלע האט איהם אַ מאָל אויף אַ חתונה געשענקט און אַז ער איז
פון שול געקומען האט זיא איהם צו רחל׳ען אַריינגעפיהרט. דאס קינד וואס האט ביז איצט
פון גאָר נישט געוואוסט איז איבעררא‌שט געוואָרן אַז עס האט דאס צוגעפוצט חדר׳ל
און די פּרעכטיגע פערזאָן דא דערזעהן און איז דעמוטהיג בייא דער טהיר שטעהן געבליבען.

– ערקענסטו זי ניט, לייבעלע? האט די מוטער געפרעגט. „מאַמע, דאס איז
דאָך רחלע, וואס האט מיר אויף רייזעלע די מוהמע ווימקעס חתונה דאס געשענקט״,
האט דאס קינד בעשעמט אויסגערעדט.

– געה צו און זאָג איהר: גוט שבת, מיין קינד!

לייבעלע האט זיינע שאַנע אויגלעך אויפגעהויבען, אַ קוק געטהון אויף רחל׳ען,
ווי ער וואלט זי פרעגען געוואָלט: צו איז איהר ניחא זיין גוט שבת. „קוים אַהער
לייבעלע, האט זי איהם צוגערופען און דאס קינד איז מיט פרייד צוגעלאָפען, אָנגענומען
איהר האַנד און מיט זיין גאַנצען כח אַ קלינגענדען קוש אויפגעדריקט. „וואס מאַכסטו
לייבעלע? האט זי מיט קושען דאס קינד געפרעגט. „איך בין געזונד! האט דאס קינד
געאַנטוואָרט. וואס טהוט איהר דאָ, רחלע? איהר זענט דאָך אַזוי רייך, ביי אייך
זענען אפילו די ווענד מיט גאָלד און זילבער בעקלעבט, ביי אייך איז אַלע טאָג
חתונות. מיר זענען דאָך אָרעמע לייט!...

– איצט בין איך שוין אויך אָרעם, לייבעלע! האט זי מיט אַ פערשטיקטער
שטימע אויסגערעדט, „איך האב שוין גאָר נישט, גאָר נישט... לייבעלע! דאַנק דיין
גוטער מאַמען וואס האט מיך צוגענומען דאָ אין שטיבעלע, גיט מיר עסען און
אַ קישען דעם קאָפּ אָנצושפּאַרען!...׳ טהרערן האָבען איהר שטימע פערשטיקט און
איהרע אויגען זענען פאַל געוואָרן.

– ווייַנט ניט רחלע! האט דאס קינד מיט אַ ווייַנענדען קול געבעטען. מיין
מאַמע האט אייך אַזוי ליעב, זי הייסט מיר אַלע טאָג נאָך בעטען פאַר אייך און איך
וועל איהם טאַקי בעטען איהר זאָלט ווידער ווערן רייך. ער איז אַ גוטער, זאָגט דיא

נָאבָּע, עֶר וֶועט מִיךְ צוּהֶארֶען אוּנ אִיהר וֶועט ווִידֶער וֶוערֶען גֶעזוּנְד! [בייך]
— בֶּעט פַאר דַיין מַאמֶען, לֵייבֶּעלֶע! הָאט זִי דָאס קִינְד קוּשֶׁענְדִיג גֶעזָאגְט, אִיךְ ווִיל שׁוֹין נִיט רַייךְ זַיין, אִיךְ בְּרוֹיךְ שׁוֹין גָאר נִישְׁט...בֶּעט נָאט, עֶר זָאל דַיין גוּטֶער מַאמֶען בֶּעצָאהלֶען פַאר אַזוֹי פִיעל גוּטְס וָואס זִי טְהוּט מִיט מִיר!. — דָאס קִינְד הָאט מִיט קוּשֶׁען אוּנ מִיט טְהרֶערֶען דֶער מוּטֶער זַיין דַאנְק אוֹיסְגֶעדְרִיקְט. „זָאג בֶּעסֶער ,שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם‘, הָאט דִי בָּאבֶּע גֶעהֵייסֶען, אַז זִי הָאט דֶערזֶעהֶען ווִי זַיינֶע אוּנְשׁוּלְדִיגֶע ווֶערְטֶער הָאבֶּען רָחֶלֶ׳ען אַזוֹי גֶערִיהְרְט. זָאלֶען קוּמֶען דִיא מַלְאָכִים פוּן שַׁבָּת אוּנ פוּן שָׁלוֹם אִין אוּנְזֶער שְׁטִיבֶּעלֶע וֶועלֶן מִיר אַלֶע רַייךְ זַיין, אַלֶע צוּפְרִידֶען אוּנ גְלִיקְלִיךְ זַיין. שַׁבָּת, רָחֶלֶ׳ע, זֶענֶען אַלֶע יוּדֶען רַייךְ! זַיי אוֹיךְ דוּ צוּפְרִידֶען אוּנ דַאנְק נָאט פַאר דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת וָואס עֶר הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען!

דָאס קִינְד הָאט מִיט זַיין זִיס קוֹלְ׳כֶל ,שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם‘ אָבְּגֶעזוּנְגֶען, קִדּוּשׁ גֶעמַאכְט אוּנ רָחֶלֶ׳ע הָאט מִיט אַלֶעמֶען דִי וֶועטְשֶׁערֶע גֶעגֶעסֶען. קֵיינֶער הָאט פוּן אִיהר אֵיין זִיפְץ נִיט גֶעהֶארְט. נָאכ׳ן עֶסֶען הָאט דִי מוּטֶער נִיט פֶערְגֶעסֶען אָנְצוּזָאגֶען לֵייבֶּעלֶען, עֶר זָאל קֵיינֶעם נִיט עֶרְצֶעהלֶען. אַז רָחֶלֶ׳ע אִיז דָא בַּיי זַיי — „וֶועסְטוּ נוּר וֶועמֶען אוֹיסְזָאגֶען, הָאט זִי גֶעזָאגְט, וֶועט זִי פוּן אוּנְז אַוֶועקְגֶעהְן אוּנ דִיךְ פַיינְד הָאבֶּען.

— אִיךְ וֶועל קֵיינֶעם נִיט דֶערְצֶעהלֶען! הָאט דָאס קִינְד צוּגֶעזָאגְט, נִיט גֶעהט אַוֶועק פוּן אוּנְז, רָחֶלֶ׳ע! נִיט הָאט מִיךְ פַיינְד, אִיךְ הָאבּ אַייךְ אַזוֹי לִיעבּ, אַזוֹי לִיעבּ ווִי מַיין מַאמֶען!

— טָאהר מֶען לִיעבּ הָאבֶּען? הָאט דִיא בָּאבֶּע דֶעם קִינְד אוֹיסְגֶעבֶּערְט, פֶּע, לֵייבֶּעלֶע, אַ הוּלְטַיי הָאט לִיעבּ אַ פְרֶעמְד מֶאדֶעל?

— אַזוֹי נָאר? הָאט זִיךְ דָאס קִינְד אָבְּגֶערוּפֶען. אִיז יַעֲקֹב פוּן חוּמָשׁ אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַ הוּלְטַיי? עֶר הָאט דָאךְ לִיעבּ גֶעהַאט רָחֵל׳ען פוּן חוּמָשׁ, וַוייל זִי אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שֶׁאנֶע, אִיהר שְׁוֶועסְטֶער לֵאָה׳ן הָאט עֶר טַאקִי נִיט לִיעבּ גֶעהַאט, וַוייל זִי הָאט גֶעהַאט קְרַאנְקֶע אוֹיגֶען. רָחֶלֶ׳ע, אַייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אַזוֹי לִיכְטִיג, אִיהר זֶענְט דָאךְ אַ גוּטֶע אוֹיךְ אוּנ מִיר דָאס שֶׁאן קָאסְטְיוּמֶעל גֶעשֶׁאנְקְט אוּנ מִיט מִיר אוֹיף חֲתוּנָה גֶעטַאנְצְט, מֶאג אִיךְ אַייךְ לִיעבּ הָאבֶּען?

— דוּא מֶאגְסְט, לֵייבֶּעלֶע! הָאט רָחֶלֶ׳ע גֶעאֶנְטְוֶוערְט, דוּ הָאסְט נָאךְ קֵיין רֶבִּין נִיט וָואס זָאל דִיר דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה פַאלְשׁ פֶערְטַייטְשֶׁען!... לִיעבּ מִיךְ, לֵייבֶּעלֶע, לִיעבּ אַלֶעמֶען, שֶׁאנֶע אוּנ נִיט שֶׁאנֶע, נוּר גוּטֶע זָאלֶען זַיי זַיין! לִיעבּ הָאבֶּען דֶעם אַנְדֶערֶען ווִי זִיךְ זֶעלְבְּסְט אִיז דִיא הֵיילִיגְסְטֶע מִצְוָה וָואס משֶׁה רַבֵּינוּ הָאט אוּנְז יוּדֶען אָנְגֶעזָאגְט! פָאלְג אִיהם לֵייבֶּעלֶע, זַיי גוּט אוּנ פְרוּם אוּנ לִיעבּ אַלֶעמֶען, וֶועל אִיךְ דִיךְ לִיעבּ הָאבֶּען, וֶועסְטוּ מַיין בְּרוּדֶערְל זַיין!...

אַז דָאס קִינְד הָאט שׁוֹין גֶעשְׁלָאפֶען אִיז זִיא צוּרִיק אִין אִיהר צִימֶערְל אַרַיין. דִיא חַלֶבְּנֶע לִיכְטְלֶעךְ ווֶעלְכֶע זִיא הָאט דָא גֶעבֶּענְשְׁט הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען בַּיים אוֹיסְגֶעהְן אוּנ דֶער רוֹיךְ אוּנ דֶער טְשַׁאד הָאט אִיהר דֶעם אָטֶהֶעם פֶערְשְׁטִיקְט, זִיא הָאט גֶעמוּזְט בַּאלְד צוּרִיק אַרוֹיסְגֶעהְן.

— עֶרְלוֹיבְּט מִיר, שָׂרָה׳לֶע, הָאט זִי גֶעבֶּעטֶען, עֶרְלוֹיבְּט מִיר, לִכְבוֹד שַׁבָּת, אַ בִּיסֶעל אוֹיפ׳ן גַאס אַרוֹיס, אִין חֶדֶר׳ל אִיז אִיצְט פוּן רוֹיךְ נִיט אוֹיסְצוּהַאלְטֶען.

שָׂרָה'לֶע הָאט זִי אַרויסְגֶעפִּידֶרְט אוּנ זִיךְ גֶעזֶעצְט מִיט אִיהר אוּנְטֶערן פֶּענְסְטֶערל אויף אַ קְלָאץ. עֶס אִיז גֶעוֶועזֶן אַ שְׁטִילֶע רוּהִיגֶע שַׁבָּת נַאכְט. דֶער הִימֶעל קְלָאר אוּנ לויטֶער. טויזֶענְדֶער שְׁטֶערן הָאבֶּען אַרָאבְּגֶעקוּקְט אויף דִיא קְלֵיינֶע רוּהִיגֶע שְׁטִיבֶּעלֶעךְ וֶועלְכֶע זֶענֶען דָא אַרוּם רָחֶלֶ'ען צְווָארְפֶּענֶע אָהן אָרְדְנוּנְג אָנְגֶעזֶעצְט גֶעוֶועזֶן ווִיא קְבָרִים אויף אַ בֵּית עוֹלָם פֶּעלְד; נִיט לַאנְג אָבֶּער הָאט אִיהר אוֹיג גֶערוּהט אויף דָאס וָואס אַרוּם אִיהר אִיז. בַּאלְד הָאט זִי אִין דֶעם אוּנֶענְדְלִיכֶען רוּים אַרַיינְגֶעקוּקְט אוּנ אִיהר הֶערְץ הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען אַהִין וַייט, וואו דִיא לויכְטֶענְדֶע שְׁטֶערן זֶענֶען ווִיא בְּרִילְיַאנְטֶען גְרויסֶע אוּנ קְלֵיינֶע אִין דוּנְקֶעלְן נַאכְט הִימֶעל אויסְגֶעזֶעצְט.

— שָׂרָה'לֶע, הָאט זִי אויסְגֶערֶעדְט, אַזוֹי ווִי אִיצְט הָאבּ אִיךְ שׁוֹין אַ מָאל אויף דִיא שְׁטֶערן גֶעקוּקְט; דַאמָאלְס אִיז מַיין הֶערְץ אִין מִיר נָאךְ גֶעזוּנְד אוּנ לִיכְטִיג גֶעוֶועזֶן, דַאמָאלְס אִיז גֶעבֶּען מִיר דֶער גֶעשְׁטַאנֶען. וֶועלְכֶער הָאט מִיר ווִיא דִיא זוּנֶן גֶעשַׁיינְט אוּנ דִיא שְׁטֶערן הָאבֶּען מִיט זֵייעֶרֶע שְׁטְרַאהלֶען מִיר הָאפְנוּנְג אוּנ גְלִיק צוּגֶעטְרָאגֶען; אִיצְט זֶעה אִיךְ ווִידֶער פַּאר מִיר פּוּנְקְט אַזַא לויטֶערֶע קְלָארֶע נַאכְט, ווִידֶער בֶּערִיהְרֶען דִיא שְׁטֶערן מַיינֶע אוֹיגֶען מִיט זֵייעֶרֶע לַאנְגֶע לִיכְטִיגֶע שְׁפִּיזֶען; נוּר אִיצְט שְׁטֶעכֶען זֵייא מִיךְ אוּנ מִיר בַּאכְט זֵיי ווִינְקֶען מִיר, אִיךְ זָאל צוּ זֵיי אִין יֶענֶע הוֹיכְקֵייט אַרוֹיף. וואו עֶס אִיז נִיט אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג, נִיט אַזוֹי אויסְגֶעשְׁטָארְבֶּען ווִיא דָא."

ווִיא גְרוֹיס, ווִיא גֶערוֹים אִיז גָאטֶעס וֶועלְט! הָאט זִיא אִין אַ פָּאר מִינוּט אַרוּם גֶעזָאגְט, ווִי אוּנֶענְדְלִיךְ בְּרֵייט אִיז דֶער יַם·לוּפְט אַרוּם אוּנְז! וֶוער קָאן מִיר דִיא וֶועלְט עֶנְג מַאכֶען? וֶוער מָאג דִי לוּפְט פוּן מִיר רוֹיבֶּען? אוּנ דָאךְ הָאבֶּען זֵייא מִיר דִיא וֶועלְט עֶנְג גֶעמַאכְט אוּנ דִי לוּפְט גֶערוֹיבְּט!... נֵיין, אִיךְ הָאבּ עֶס מִיר אַלֵיין גֶעטְהוּן; אָבֶּער גֶענוּג! אִיצְט ווִיל אִיךְ פְרַיי זַיין, לָאזְט מִיךְ פוּן גָאטֶעס וֶועלְט נָאךְ אַ הֲנָאָה הָאבֶּען, לָאזְט מִיךְ אויף דִיא שְׁטֶערן קוּקֶען ווִי לַאנְג מַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען נָאךְ אָפֶען... אָ, אִיךְ מוּז דִי גַאנְצֶע נַאכְט דָא פְרַיי אִין אַלֶע נַאסֶען אוּמְגֶעהן!

— דוּ בִּיזְט פְרַיי, רָחֶלֶ'ע, הָאט שָׂרָה'לֶע גֶעאֶנְטְוֶוערְט. אִיךְ בִּין הֶעכְסְט צוּפְרִידֶען וָואס דִיר אִיז דִיא וֶועלְט אַזוֹי לִיעבּ. אִיךְ לָאז דִיךְ, דוּ קָאנְסְט זִיצֶען דָא, אָדֶער גֶעהְן וָואהִין דוּ ווִילְסְט. נוּר אִיךְ הָאבּ מוֹרָא טָאמִיר נַארְסְטוּ מִיךְ אוּנ ווִילְסְט אֶפְשָׁר... אַךְ, אִיךְ הָאבּ מוֹרָא נָאר פוּן מַיין מוֹיל אַרויסְלָאזֶען אַזַא וָוארְט...

— נֵיין, שָׂרָה'לֶע! הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט, הָאט זִי מִיט שְׁטְרַאהלֶענְדֶע אוֹיגֶען פֶערְזִיכֶערְט, אִיךְ וֶועל אִין קֵיין שְׁלֶעכְטֶען וֶועג נִיט גֶעהן... בַּייא דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת שְׁוֶוער אִיךְ אַייךְ: אִיךְ וֶועל צוּ אַייךְ צוּרִיק קוּמֶען אַלֶעבֶּעדִיגֶע. קֵיינֶער וֶועט נִיט ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין בַּיי אַייךְ גֶעוֶועזֶן! אִיךְ ווִיל צוּ פֵייגֶען גֶעהן אוּנ בַּיי אִיהר אַזוֹי לַאנְג זַיין בִּיז זִי וֶועט גֶעזוּנְד וֶוערן. אָ, לָאזְט מִיךְ, לָאזְט מִיךְ, דָאס הֶערְץ צִיהט מִיךְ, קוּמְט אִיהר אויךְ מִיט מִיר אוֹיבּ אִיהר גְלוֹיבְּט מִיר נִיט!

— אִיךְ גֶעה מִיט דִיר, הָאט שָׂרָה'לֶע אַיינְגֶעווִילִיגְט. אִיךְ וֶועל אַלֵיין דַיין מוּהמֶען אָנְזָאגֶען, אַז דוּ בִּיזְט בַּיי פֵייגֶען, דוּ וֶועסְט שׁוֹין מִסְתָּמָא אַזוֹי זֶעהן צוּ רֶעדֶען, אַז דִי מוּהמֶע אַלֵיין זָאל מִיךְ בֶּעטֶען דִיךְ צוּ מִיר צוּנֶעהמֶען.

שָׂרָה'לֶע אִיז נָאךְ אִין שְׁטוּבּ אַרַיין אוּנ דֶער מוּטֶער גֶעזָאגְט, אַז רָחֶלֶ'ע בַּייסְט זִיךְ

צוּ דֶער קְרַאנְקֶער פֵיינֶען צוּ גֶעהְן אוּנ זִי קָאן אַזַא הַארְץ נִיט הָאבֶּען אִיהר נִיט נָאכְצוּגֶעבֶּען הֵיינְטִיגְס מָאל. דִי מוּטֶער הָאט מַסְכִּים גֶעוֶועזֶן.

עֶס אִיז שְׁפֶּעט גֶעוֶועזֶן אוּנ אִין דִי שְׁטִילֶע גָאסְלִיךְ אִיז שׁוֹין אַ לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען נִים גֶעוֶועזֶן צוּ זֶעהְן, זֵיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּזַאמֶען. אִין דֶער גְלַאזֶערנֶער גַאס וואוּ ר׳ אַבְרָהַם׳ס הוֹיז אִיז גֶעוֶועזֶען הָאט שָׂרֶהלֶע גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז מֶען וֶועט מִיךְ מִיט דִיר בֶּעגֶעגֶענֶען וֶועט מֶען בַּאלְד פֶערְשְׁטֶעהן אַז דוּ בִּיזְט בַּיי מִיר גֶעוֶועזֶן, גֶעה אַרַיין צוּ פֵיינֶען אַלֵיין; נוּר שְׁרֶעק דִיךְ נִיט, זִיא אִיז קְרַאנְק, אֵיין נָאט מֶאג אִיהר הֶעלְפֶען. אִיךְ וֶועל אַ בִּיסֶעל שְׁפֶּעטֶער אוּנְטֶערְקוּמֶען אוּנ זִיךְ מַאכֶען, אַז אִיךְ וֵויים אוֹיךְ נִיט פוּן וַואנֶען דוּ בִּיזְט אַזוֹי פְּלוּצְלוּנְג גֶעקוּמֶען. זַיי נִיר אַ מֶענְטְשׁ. מַיין שְׁטִיבֶּעלֶע זְשַׁאלֶועוֶע אִיךְ דִיר נִיט, וְויא מַיין אוֹיג פוּן מַיין קָאפּ וֶועל אִיךְ דִיךְ פוּן אַלֶע בֵּייז אָפְּהִיטֶען, גֶעדֶענְק עֶס!

רָחֶלֶע אִיז אַלֵיין צוּ אִיהר גֶעוֶועזֶענֶער הֵיים צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנ שָׂרֶהלֶע הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אִין אַ זַייטֶען גֶעסֶעל אַרַיין, אַרוֹיסְצוּקוּקֶען צוּ חַיְיעֶלֶעס הוֹיז פוּן אַ אַנְדֶער זַייט. — חָאטְשׁ רָחֶלֶע אִיז שׁוֹין פָארְבֶּערֵייטֶעט גֶעוֶועזֶן, אַז אִיהר מוּטֶער אוּנ דִי קִינְדֶער זֶענֶען שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעפָאהרֶן אוּנ דָאס הוֹיז אִיז לֶעער אוּנ פּוּסְט גֶעבְּלִיבֶּען, פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען אִיז אִיהר הֶערְץ פֶערְקִיהְלְט גֶעוָוארְן, אַז זִי הָאט אִיהר הֵיים אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג אוּנ פִינְסְטֶער דֶערְזֶעהְן, בְּעֵת פוּן דִי אַרוּמִיגֶע הַייזֶער הָאט זִיךְ אַ שַׁיין פוּן שַׁבָּת גֶעבֶּענְשְׁטֶע לִיכְט גֶעזֶעהְן. זִי אִיז צוּ צוּ דִי פֶּענְסְטֶער אוּנ הָאט דֶערְזֶעהְן אַז דִי לָאדֶענְס זֶענֶען מִיט בְּרֶעטֶער אַרִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען, דָאס הֶערְץ הָאט אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלֶעמֶען, אִיהר אִיז פִינְסְטֶער אִין דִי אוֹיגֶען גֶעוָוארְן. אִיהר אִיז קֵיינְמָאל אַזוֹי בִּיטֶער נִיט גֶעוֶועזֶן וְוִי אִין דֶער מִינוּט. נָאךְ פְרֶעהְלִיךְ אוּנ גְלִיקְלִיךְ הָאבּ אִיךְ מַיין טַאטֶענְס שְׁטוּבּ צוּם לֶעצְטֶען מָאל גֶעזֶעהְן, הָאט זִי פַאר זִיךְ גֶערֶעדְט, וְוִי פּוּסְט, וְוִי לֶעער זֶעה אִיךְ מַיין הֵיים אִיצְט!...

אוֹיפְ׳ן טְרֶעפֶּעל וָואס אִיז פַאר דֶער טְהִיר גֶעוֶועזֶן אִיז אַ אוּנְבֶּעקֶענְטֶער גוֹי אַלְס נַאכְט שׁוֹמֵר גֶעזֶעסֶען. הֶענִיךְ הָאט אִיהם דָא גֶעלָאזֶען אַכְטוּנְג גֶעבֶּען. „טְשְׁטָא טְיֶעבֶּע נַאדָא?“ הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט. „וֶוער בִּיזְטוּ? הָאט זִי גֶעאֶנְטְוֶוערְט. „וָואס אִיז דָאס דַיין עֵסֶק וֶוער אִיךְ בִּין?“ הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, גֶעוִוים נִיט דֶער הָאזְיַאיֶען, נוּר אַ סְטָארָאז בִּין אִיךְ בַּיי הֶענִיךְ׳ן, וֶועלְכֶער הָאט עֶס אָבְּגֶעקוֹיפְט פוּן זַיין מְחוּתֶּנֶתְ׳טֶע.

— זָאג מִיר, גוּטֶער מֶענְשׁ, הָאט זִי גֶבֶּעטֶען, אִיז שׁוֹין דָא קֵיינֶער נִיט גֶעבְּלִיבֶּען פוּן דֶער פַאמִילְיֶע וָואס הָאט דָא נִיט לַאנְג גֶעוָואהנְט?

— אַלֶע זֶענֶען אַוֶועקְגֶעפָאהרֶן. הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אַוֶועקְגֶעפָאהרֶן אַלֶע, אִי דִי שָׁאנֶע חַיְקָא, דִי גֶעוֶועזֶענֶע חַאזַייקָא פוּן דֶעם הוֹיז, אִי אִיהר נַייעֶר מַאן, דֶער רוֹיטֶער זְשִׁיד — נַא טְשָׁארְטוּ דַארְףְּ זִיא הָאבֶּען אַזַא זְשִׁיד פַאר אַ מַאן — אִי דֶער רֶבִּי, אִי דִיא שְׁוֶועסְטֶער זַיינֶע; נוּר דִי וֶואנְדְט אוּנ אִיךְ בִּין דָא גֶעבְּלִיבֶּען זֵיי צוּ הִיטֶען. נוּר זָאג מִיר, דוּא קְרַאסַאוִויצַא, בִּיזְטוּ דֶען נִיט אַהִיגֶע? דַאכְט זִיךְ דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטֶעל אִיז גֶעקוּמֶען גֶעזֶעגֶנֶען זִיךְ דָא מִיט זֵיי.

— אִיךְ בִּין נִיט אַהִיגֶע, אִיךְ בִּין צוּ דֶער אַלְטֶער גֶעקוּמֶען, וֶועלְכֶע אִיז דָא קְרַאנְק גֶעוֶועזֶן, לֶעבְּט זִי נָאךְ? וואוּ אִיז זִי אוֹיבּ זִי לֶעבְּט נָאךְ?

— זִי וֶועט שׁוֹין קֵיין סַךְ נִיט לֶעבֶּען, הָאט עֶר קַאלְט גֶעאֶנְטְוֶוערְט, זִי לִיגְט דָארְט

אין שטיבעלע און אַ אַלטע זשידאָווקא זיטצט דאָרט ביי איהר. ביזטו אַ טאָכטער איהרע?

– אַ טאָכטער, לאָז מיך צו צו איהר. האָב רחמנות! האָט זי מיט טהרערן געבעטען. דער סטאָראָז האָט איהר דאָס טהירל פון טהויער געאָפענט און דורכגע־לאָזען זי אין הויף אַריין. „אַ סטאַרוכאַ און האָט אַזאַ קראַסאַוויצאַ אַ טאָכטער, פּראָסטאָ ליובאָ סמאָטרעט!“ האָט דער סטאָראָז אַריינגעברומט פאַר זיך אין זיין גרויסען באָרד אַריין און דאָס טהירל צוריק פערשלאָסען. רחל'ע האָט זיך אין הויף ניט אומגעקוקט און איז גלייך אין שטיבעלע אַריין וואו פיינע איז געלעגען. ערגעץ אויף אַ ווינקעל אויוועען האָט אַ בלעכערן לאָמפּעל אָהן אַ גלאָזעל געברענט און געראויכערט אין אַ ברויערינען שיין געוואָרפען אויף דער קראַנקער, וועלכע איז איצט מעהר טויט אַלס לעבעדיג אין בעט געלעגען מיט אַ ווייס ליילעך אַריבערגעדעקט. נעבען בעט איז אַ אַלטע יודינע געזעסען און געדרעמעלט; נור רחל'ע האָט זיך ניט אומגעקוקט, איהרע אויגען האָבען פיינען געזוכט. זי איז צום בעט צו און האָט זיא פון נאָהענטען אויך ניט ערקענט. זיא האָט זיך שוין מעהר ניט געקאָנט בעהערשען און האָט צו וויינען אָנגעהויבען. די אַלטע וואָס האָט דאָ נעבען בעט צוגעדרעמעלט האָט זיך אויפגעכאַפּט און געגעבען רחל'ען מיט אַ וואונק צו פערשטעהן אַז דיא קראַנקע איז שוין אַ פאַרבייאיגע. רחל'ע האָט איהר קאָפּ אויף אַ ברעג בעט אַרויפגעלעגט און ביטערליך געוויינט.

– ווער זענט איהר? האָט די אַלטע געפרעגט, זענט איהר ניט די קרובה איהרע, וואָס זי וואַרט זי זאָל קומען מיט איהר ודוי זאָגען? עפּיס זעהט איהר מיר אויס בעקענט, האָט איהר ניט געדינט אַ מאָל ביי זעליג נחמו'ס? רחל'ע האָט צו וויינען ניט אויפגעהערט, די אַלטע האָט זיך נאָך מעהר איינגעקוקט און האָט זי ערקענט.

– רחל'ע נאָט איז מיט מיר! האָט זיא מיט שרעק אויסגעשריען, פון וואַנען קומסטו? וואו ביזטו געוועזן? ביזטו ניט דערטרונקען געוואָרן? ווי אַ ניט דאָ געבאַכט זעהסטו אויס!... ביי די ווערטער האָט די אַלטע זיך אָבגעצויגען פון איהר מיט שרעק און געכאַפּט דעם סדור אין האַנד, ווי זי וואָלט זיך מיט דעם געוואָלט בעשיטצען פון אַ באָזען רוח וועלכער שטעהט דאָ פאַר איהר.

– ניט שרעקט אייך, סלאַווע! האָט רחל'ע וויינענדיג אויסגערעדט... אַ לעבעדיגע שטעה איך דאָ פאַר אייך, האָטש דאָס לעבען איז מיר שווער און איבערדריסיג!... איך בין ניט דערטרונקען, האָטש איך טרענק מיך שוין לאַנג אין מיינע אייגענע טהרערן!... אָ, ווי טיף און ברייט איז דער ים, אין וועלכען איך בין אַריינגעוואָרפען געוואָרן, ווי ביטער איז מיר, אַז איך זעה נאָך מיט מיינע אויגען וויא דאָס לעצטע שיפּעלע מיינס וואָס האָט מיך באַטעוועען געקאָנט וועט שוין אויך צוברעכען!... גאָט אין הימעל, פאַר וואָס שטראָפסטו מיך אַזוי? דוא האָסט מיין פאָטער אַ יונגען צוגענומען, מיין מוטער האָבען זינדיגע מענשען פון מיר אָבגעריסען, דאָס הערץ פון מיין איינציגען ברייטען פעטער האָסטו פאַר מיר פערשלאָסען. אָ, האָב שוין רחמנות און לאָז מיר דיא איינציגע פיינען מיינע, אָדער נעהם מיך שוין אז ... צו מיט איהר צוגלייך!

– היינט איז שבת, רחל'ע! האָט דיא אַלטע שמשטע געזאָגט. פיינע האָט

ערליך אירע יאהרן אויסגעלעבט, אין אַ בעסערן אופן, ווינש איך דיר אירע יאהרן
צו דערלעבען. אַך מיין טאָכטער, דו האָסט פיעל לייד אונ פיין דיין מוטער אונ נאַנצער
פאַמיליע אָנגעטהון, נאָט זאָל דיר עס מוחל זיין! וואָס פאַר אַ מצוה וואָלט איך איצט
פערדינען, איך זאָל קאָנען דיין מוהמע דבורהן אָנזאָגען אַז די דערטרונקענע, אָדער
ענטלאָפענע פּלעמעניצע, די נוטע רחלע איז דאָ. זיא לעבט אונ האָט חרטה מסתמא
אויף אַלץ; אָבער איך האָב מורא דיך דאָ צו לאָזען אַליין געבען דער נוססעסטע.—' רחלע
האָט נור שטיל אירע טהרערן געשלונגען. „ווייַן, וויין, מיין טאָכטער, האָט סלאַווא
ווידער אָנגעהויבען. אַז יום כפור געפאַלט אום שבת מעג מען אויך וויינען. זאָלן דיינע
טהרערן אַ קרבן זיין פאַר דיינע יונגע זינד... דוא האָסט חרטה אונ דיין הארץ קעהרט
זיך צום גוטען, דאָס זעה איך פון דיין וויינען. זעהר רעכט, תשובה טהון דאַרף יעדער
מענש באַלד טאָקי היינט, חאָטש אום שבת, קיינער ווייס ניט ווען מאָרגען
עם איז! ...

אין דעם מאָמענט איז שׂרה'לע אַריינגעקומען. „גוט וואָס דוא ביזט געקומען,
האָט דיא שמשטע געזאָגט, דיר בעשערט דיא מצוה אָנצוזאָגען דבורהן אַז איהר רחל'ע
איז דאָ. לויף שוין אונ זאָג איהר: זאָל זי אַהער קומען זי צונעהמען, איך וואָלט אַליין
לויפען; נור איך האָב מורא דיך דאָ צו לאָזען מיט איהר, זי קאָן נאָך ווידער אַזוי
פּלוצלונג אַוועק געהן ווי פּלוצלונג זי איז געקומען. שיק אַריין נאָך וועמען עס איז, נאָט
ווייס אויב דיא קראַנקע וועט שוין דעם טאָג דערלעבען!

שׂרה'לע האָט נאָך אַ קוק געטהון אויף רחלען אונ אַ גוס טהרערן איז איהר פון די
אויגען אַרויס. וואָס וויינסטו שוטה? האָט דיא שמשטע צו שׂרה'לען געזאָגט, פרייהען
דאַרפסטו זיך, אויב דו האָסט זי אַ מאָל ליעב געהאַט, זי וויינט אויף אירע יונגע
נאַרישע זינד, דיא חופה איז נאָך פאַר איהר אונ נאָט ברוך הוא וועט אירע טהרערן
צונעהמען אונ איהר מוחל זיין.

— זאָל איך געהן דיין מוהמען אָנזאָגען אַז דוא ביזט דאָ, רחלע? האָט שׂרה'לע
געפרעגט.

— ביזטו ניט אַ שוטה, האָב קיין פאַראיבעל ניט, אַז דו פרעגסט נאָך? האָט זיך
סלאַווע אָבגערופען, אונ אַז זי וועט דיר זאָגען ניט? געה, פערדין אַ מצוה אונ מאַך קיין
שיהות ניט! שׂרה'לע איז אַוועקגעגאַנגען אונ איז אין עטליכע מינוט מיט דבורהן
געקומען.

— רחל'ע, מיין בריליאַנט, מיין קרוין! האָט דיא מוהמע אויסגעשריען אונ איז
רחלען אויפ'ן האַלז געפאַלען. מוהמע! ליעבע מוהמע! האָט רחל'ע, קוים קוים אַרויס
געריעדט אונ ביידע האָבען מעהר קיין רייד, קיין ווערטער געהאַט וואָס צו רעדען,
וואָס צו פרעגען. שׂרה'לע האָט זיי קוים צו זיך געבראַכט. וואָס מאַכסטו, מיין קינד,
ווען ביזטו געקומען? פון וואַנען? נור וואָס פרעג איך? נאָט האָט דיך געבראַכט אונ
איהם דאַנק איך וואָס מיינע אויגען זעהן דיך נאָך! וואָס ווייסטו וויפיעל טהרערן
איך האָב פערגאָסען, וויפיעל נאַכט איך האָב דורכגעוויינט! קום אַהיים צו מיר, צו
מיר מיין קינד, דאָ האָסטו שוין גאָר נישט, גאָר נישט, מיין טאָכטער... דיין מאַמע
האָט אַלץ פערקויפט, אַלץ אַלץ, וואָס איז אונז דאָ אַ מאָל ליעב אונ טהייער געוועזן,—

קום צו מיר, פרעהען וויל איך זיך מיט דיר אונ ניט וויינען.

— דאָ האָב איך נאָך אַלץ, אַלץ וואָס איך וויל נאָך האָבען! האָט רחלע געענטפערט אונ מיט איהר האַנד אויף דער קראַנקער געוויזען. אָ, בעט מיך ניט, מוהמע, מיט אייך צו געהן, מיין טרייער פעטער האָט ביי זיין אמונה געשוואָרן מיך פריהער אויף זיין שוועל ניט אַרויפצולאָזען ביז נאָך מיין חתונה, איך וויל ניט ער זאָל צו ליעב מיר זיין היילינע שבועה ברעכען!

— האָסטו נאָך דיין הארץ ניט געבראָכען? האָט דבורה מיט טהרערן געפרעגט.

— ניט איך, אַנדערע האָבען עס אין מיר צובראָכען אונ גאָט זאָל זיי מוחל זיין! האָט זיא געענטווערט, צובראָכען אונ צוריסען איז מיין הערץ אין שטיקער, אָבער נאָך גאַנץ איז מיין רעכט אונ אמת אין איהם אונ איך וועל אַנדערש ניט זיין ווי איך בין געוועזן. האָט קיין טעות מוהמע, איך בין נאָך די שלעכטע פערשייטע זינדיגע רחלע, אָ, לאָזט מיך שוין אַזוי שטאַרבען אונ מאַכט מיך ניט ערגער ווי איך בין!

— נאַרישׁ קינד, עלענד קינד! האָט די מוהמע וויינענדיג געטענה'ט, אָט זעה דעם סוף פון זינדיגען מענשען, קוק זיך צו, צו וואָס אַ מענש לעבט אויף דער נאַרישער וועלט. זעה אונזער פייגען ווי זי געהט ווי אַ ליכט אויס אונ זאָג אַליין: דאַרף אַ מענש זינדיגען, עקשנות פיהרען? דאַרף אַ קינד ווידערשפעניגטיג זיין אַ אייגענער מוטער, אַ טרייער פאַמיליע אונ פריינד אונ זאָגען: עס געפעלט ניט וואָס איז גאָט אונ לייט געפאַלען? טאָהר מען זאָגען: איך בין קלינגער פאַר אַלעמען אונ ניט גלויבען אין וואָס עס איז בעשערט? אונ אַז מען פיהרט שוין אויס וואָס מען וויל, אונ אַז מען זאַטיגט זיך שוין אָן מיט דער זינדיגער תאוות, קומט מען דען ניט צו דעם סוף? נאַרישׁ קינד איינע, דו מיינסט עס איז דיין וועלט, דו האָסט אַ דעה צו זאָגען אין איהר? אסור זאָל מיר זיין אויב דאָס איז אַזוי! די יאָהרן, מיין קינד, לויפען ווי אַ חלום אַריבער אונ אַז מען ליגט אויף דעם בעט ווי די אָרעמע פייגע דאָ, איז אַלץ איינס ביטער פון דער וועלט זיך צו שיידען צו מען האָט פריהער פיעל גענאָסען אָדער נאָך צו געניסען גאַר ניט אָנגעהויבען...

קיין גליק אונ פערגניגען פון אַ מאָל טרעסטען דעם מענשען ניט אין דער לעצטער שעה; נור תשובה אונ מעשים טובים זענען אונזער טראָסט. בערעכען דאָס מיין קינד, אונ זיי אַ גוטע אַ פרומע, זאָלן מיר שוין נחת פון דיר האָבען פאַר אַזוי פיעל צער וואָס מיר אַלע האָבען ביז היינט אַריבערגעטראָגען! —

— אַלץ איין סוף, מוהמע, האָט זי אויסגערעדט, פערשידען אָבער זענען די וועגען וועלכע פיהרן צו דעם סוף! וויפיעל בלאָנזשעט מען אונ ליידט מען ביז מען געפינט דעם וועג צו איהם!...

— קום אַ היים, מיין טאָכטער, האָט דיא מוהמע ווידער געבעטען, וואָס אַהרט דיך דיא שבועה דיין פעטערס? האָט ער דען אויף אַזאַ סוף גערעכענט? קום, איך זאָג דיר צו מיט דיר ניט צו רעדען פון דאָס וואָס איז געוועזן. קיינער וועט ניט שמייען ביי מיר אין שטוב אַ וואָרט דיר צו זאָגען. קום, דוא האָסט איצט קיין אַנדער היים ניט, אַלץ וואָס איך האָב איז דיינע, דיינע, מיין קינד, דאָס האַרץ צוגעהט אין מיר אַז איך זעה ווי קראַנק דו ביזט אונ ווייסט אפילו ניט ווי טהייער דיין געזונד איז ביי אונז אַלעמען.

— איך בין קראנק, האט רחל'ע געענטווערט, נור ווער האט מיך קראנק געמאכט? דיא גאנצע וועלט איז איצט מיין קראנקעס בעט... די מענשליכע נארישקייט און ווילדע עקשנות איז די קראנקהייט וועלכע האט מיין געזונד און יוגענד אונטערגראבען!... בעט בעסער גאט, ער זאל שוין א סוף מאכען פון מיינע צרות און פון מיין לעבען. צו אייך אהיים וועל איך ניט געהן, בעט בעסער ניט?

— צו וועמען דען וועסטו געהן? וואו האסטו איצט א אנדער היים? ארעם קינד, נאריש עקשנות קינד!

— ביי דער גוטער שרה'לען בעט, זי זאל אייער פערוואנעלטע פלעמעניצע אין איהר שטיבעלע אריינגעהמען. האט רחל'ע אויסגערעדט זעהר רירענד. שרה'לע, איהר וועט דאך רחמנות האבען אויף א עלענדע וואס האט קיין היים ניט. האב איך נאך עפים פון מיין טאטענס ירושה וועט מען אייך מיין דירה-געלד בעצאהלען... ניט זאגט מיר אב אין מיין נויטה, שרה'לע!

די גוטע פרוי איז אזוי גערירט געוועזן פון רחל'עס בעטען זיך אז זי האט נור וויינען געקאנט. דבורה האט ניט אויפגעהערט צו בעטען און צו וויינען. שרה'לע האט אויך גענוג געבעטען. אויך דער דאקטאר וואס איז געקומען צו דער קראנקער האט זיין אנטהייל גענומען רחל'ען צו בעוועגען וועניגסטען פון דעם שטיבעלע ארויס-צוגעהן, אבער זי האט אויפגעהערט צו רעדען און צו ענטווערן און איז ווי א צוגע-שלאגענע געבליבען פייגעס בעט געשטאנען. פייגע האט פון היטץ אונפערשטאנדליכע וואורטער ארויסגערעדט און ניט געוואוסט און ניט געהערט וואס אין איהר שטיבעלע טהוט זיך. די מוהמע דבורה האט פון וויינען און קראנקונג א קאפ שמערצען בעקומען און האט זיך געבעטען אהיים אבפיהרן. שרה'לע האט זי אהיים אוועקגעפיהרט און ציגעזאגט פון איהר פלעמעניצע א אויג ניט אראב צונעהמען. רחל'ע איז מיט סלאווען אליין געבליבען דער קראנקער. סלאווע איז באלד ענטשלאפען געווארן און רחל'ע האט איהר קאפ צום בעט צוגעשפארט און איז אין א שרעקליכען קוואל אזוי געלעגען די גאנצע נאכט. אז עס האט צו בעגינען אנגעהויבען האט די קראנקע דיא אויגען געעפענט און איהר אויסגעטריקענטע האנד אויף רחל'עס קאפ ארויפגעלעגט. „ווער איז דא?" האט זי שוואך ארויסגערעדט, רחל'ע האט זיך פון איהר קוואל אויפגע-האפט און פייגעס אפענע אויגען דערזעהן.

— פייגע, טהייערע, ליעבע פייגע! האט זיא אויסגעשריען און איהרע טהרערן זענען אויף דער קראנקער'ס האנד געפאלען.

— רחל'ע, מיין עלענד קינד! האט די קראנקע אויסגעזיפצט, וואס מאכסטו? נוייז מיר דיין ליכטיג פנים און מיר וועט נאך א מינוט פאר מיין טוידט אין מיינע אויגען ליכטיג ווערן.

— פראנט ניט, פייגע, וואס איך מאך! זייט איהר מיר געזונד, מיינע כחות זענען שטארקער ווי אייזען. איך וועל אלעס אלעס אריבערקומען, זענט איהר נור געזונד, האט קיין צער פון מיר!

— קיין צער האבען פון דיר? האט די קראנקע איבערגערעדט, ווי קאן איך קיין

צער האָבען פון דיר אַז איך זעה דיך אַזוי עלענד אונ קאָן דיר אין דיין נויטה ניט בייִשטעהן.

– אַך, גוטע פּייגע, אייער קראַנקהייט איז מיין גרעסטער וועהטיג! אַלץ וואָס איז געוועזן פערגעס איך אין דער מינוט, וואָס איך זעה אייך אַזוי ליידען. נור פאַר אייער געזונד אונ לעבען בעט איך גאָט איצט, מיר אַליין איז גוט... איך פערלאַנג גאָר נישט, גאָר נישט, פּייגע!

– בעט בעסער פאַר זיך, מיין ליעב קינד! האָט פּייגע געענטפערט, מיינע יאָהרן זענען שוין אויס. גאָט איז מיר ניט שולדיג געבליבען, הלואי וואָלט איך איהם מיינע אַלע חובות ווי אַ פּרוסטע יודישע טאָכטער געקאָנט בעצאָהלען. ווי ער האָט מיר ביז איצט בעצאָהלט! פיעל האָט מיר ניט געקומט פון איהם, ער האָט מיר נאָך מעהר ווי מיינע מעשים געגעבען. דו אָבער ביזט נאָך יונג, דו קאָנסט נאָך פיעל גוטס טהון אונ פיעל גוטס זיך דערלעבען, בעט איהם, בעט איהם, מיין טאָכטער!

– ניט רעדט אַזוי פיעל, פּייגע, האָט רחל׳ע געבעטען, איך זעה דאָך ווי שווער דאָס רעדען איז אייך. זייט מיר געזונד! געזונד זייט מיר, פּייגע ליעבע!

– ניט פיעל נאָך וועל איך רעדען.. האָט די קראַנקע געענטפערט, אַך, מיין קינד גאָט האָט אויך מיין לעצטע בקשה צוגעהערט אונ דעם מלאך המות אָבגעהאַלטען ביז איך וועל דיך נאָך ווידער זעהן געבען מיר. געכטען פאַר נאַכט איז מיר מיט איינמאָל אַזוי שלעכט געוואָרען אַז איך האָב געמיינט מיין סוף איז שוין געקומען. איך האָב געוואָלט שיקען נאָך דיר, נור דאָס לשון האָט מיר אָבגענומען. דאָס האַרץ אין מיר אָבער האָט געשריען: האָב רחמנות גאָט אין הימעל, לאָז מיך רחל׳ען נאָך מיט מיינע אויגען זעהן, איך זאָל קאָנען איהר טרייען טאַטען אונ טרייען זיידען אַ גערוס ברענגען אַז איך וועל ווערטה זיין קומען צו זיי! נו זעה איך דיך, דו וועסט אויף מיין חתונה די מחותנת׳טע זיין. איצט מעג איך שטאַרבען! וועק אויף מיין קינד, סלאַווען, זאָל זי העלפען צופוצען די כלה... באַלד וועט מיין חופּה זיין....

רחל׳ע האָט די שמשטע אויפגעוועקט. דיא קראַנקע האָט אַ ביסעל וואַסער פערלאַנגט די הענד צו וואַשען. געהם, מיין טאָכטער, דעם סדור אונ זאָג מיט מיר ודוי! האָט זי געבעטען. רחל׳ע האָט געציטערט. שרעק דיך ניט, מיין קינד, האָט די קראַנקע אויסגערעדט, ודוי איז די בעסטע רפואה, שטאַרבען מוזען אַלע אונ איטליכער פרומער יוד דאַרף מיט ודוי אונ מיט תשובה צו שטאַרבען!.. רחל׳ע האָט דעם סדור גענומען דאָס לאַטעל פון ודוי איז שוין פערבויגען געוועזן – נבר אַז די קראַנקע האָט שוין ביז איצט אויך ניט געוואַרט ודוי צו זאָגען – אונ זי האָט פאָרגעזאָגט. וואָרט אום וואָרט האָט זיינע נאָכגעזאָגט אונ האָט זיך אין האַרצען געשלאָגען צו איטליכ׳ס וואָרט. רחל׳ס טהרערן האָבען זיך געגאָסען אונ זענען איבער דיא ודוי ווערטער געפאַלען, פון וויינען האָט איהר ענדליך די קעהלע פערשטיקט אונ זי האָט ניט געקאָנט ענדיגען.

– זאָל געענג זיין! האָט פּייגע ענדליך אַרויסגערעדט. געה דיר אַביסעל אַרויס. רחל׳ע איך האָב מורא פאַר דיין געזונד... געה אַרויס, דאַכט זיך דיא זון שיינט שוין. פאַר דיר, מיין קינד, אונ פאַר נאָך אַזעלכע יונגע בוימעלעך וויא דו שיינט זיא. געניס די פריי׳ע לופט, דו דאַרפסט נאָך לעבען אונ כחות קלייבען.

רחלע האט ניט געוואלט ארויסגעהן, אבער אז פיינע האט געזאגט אז זיא מאכט איהר נור צער. וואס זי פערהיט איהר געזונד ניט, איז זי ארויסגעגאנגען אונ זיך ערגעץ אין א ווינקעל הויף אוועקגעזעטצט. פון א גאנצע נאכט וואך זיין איז זיא איינגעדרעמעלט געוואָרן. שׂרה׳לע האט זיך דערשראָקען אז זיא האט רחלען ניט געפונען. „זוך זיא אויפ'ן הויף אָדער אין סאד!" האט די קראנקע געהייסען, האב קיין מורא, זיא וועט ערגעץ ניט געהן איידער מען וועט מיך ארויסטראגען פון דאנען!..." שׂרה׳לע איז ארויסגעלאָפען אונ האט רחל׳ען געפונען א שלאָפענדע זיצענדיג. „קום רחלע, צו מיר אהיים! האט זי געבעטען, קום, דיין מוהמע האט מיך געבעטען איך זאל דיך צונעהמען, זיי איצט מיין פרייע שכנה, גאט זאל פיינען דיא רפואה צו שיקען, וואס קאנסטו איהר העלפען אז דוא וועסט שוין חלילה קראנק ווערן דורך איהר?...

– אָ, שׂרה׳לע, האט רחלע אויסגערעדט, פיינע האט נאך מיין פאטער אזוי ווי מיך אויף איהרע האנד געטראגען, פערדינט זי דען ניט פאר אזוי פיעל ליעבע אונ טרייהייט איך זאל פון איהרעטוועגען א נאכט ניט דערשלאפען. א טאג ניט דערוהען? ניט פיעל וועט זי מיך נאך ברויכען, דעם לעצטען חסד טהוא איך איצט מיט איהר!...

– ווי פיהלט איהר אייך איצט, פיינע? האט זי געפרעגט, אז זי איז צוריק אריינגעקומען.

– איך פיהל מיך איצט אזוי גרינג ווי א פעדער. מיין ליעב קינד! האט פיינע געענטפערט, אלע מיינע וועהטיגען האבען זיך אבגעטהון אונ איך הער וויא דיא נשמה מיינע טהוט זיך אויס פון דעם זינדיגען גוף... מיר דאכט: איך פליה אין די לופטען, דאס איז א סימן, אז אט באלד וועט די גוטע רוה קומען. פערגעס ניט פאר א ארט א איינביגען פאר מיר צו בעצאהלען. א קדיש צו דינגען אונ צום יאהרצייט א ליכט אנצוצינדען אין א מקום קדוש." אין א פאר מינוט ארום האט די קראנקע געזאגט: קום אהער מיין טאכטער, מיר איז ניט בעשערט דיין חופה צו דערלעבען דיך צו בענטשען פאר דיין בעשערטען אין די אויגען. לאס איך דיך בענשען דא פאר מיין טוידט אונ גאט זאל איהם בענשען, משה׳לען, דארט וואו ער איז!.. מיט די ווארטער האט זי נאך איהרע האנד ארויפגעלעגט אויף רחל׳עס קאפ אונ זי געבענשט. מעהר האט די קראנקע ניט גערעדט, איהרע ליפען האבען זיך בעוועגט, זיא האט נאך שטיל וידוי געזאגט אז דיא זונן האט שוין ארויסגעשיינט איז זי צוריק אין א פערגעסענהייט אריינגעפאלען. דער אטהעם איז שווערער געוואָרן אונ דיא גסיסה האט זיך אנגעהויבען. דער דאקטאר איז געקומען אונ האט שוין קיין רעצעפט מעהר ניט פערשריבען. נאך א פאר שעה זענען אריבער אונ אלע וואס האבען אין שול דערהערט אז די דערטרונקענע, דער ענטלאפענע איז אליין צוריק געקומען, זענען געקומען זיא זעהן. אגליק וואס ר' הענוך סטאראז האט ניט אלעמען אין הויף אריינגעלאזען, פון דעסטוועגען זענען אין שטיבעלע גענוג מענשען געוועזן. וועלכע האבען רחל׳ען גענוג געפייניגט מיט זייערע יאלות אונ עצות. שימעלע אונ נאך א זעלכע האבען ניט געזשאלאוועט איהר מער צו זאגען, בעקענטע ווייבער האבען זיך ניט געשעמט איינע דער אנדערער צו אגען, אז א כשוף אָדער א דבוק זיצט אין איהר. זי האט אלעס געהערט, אבער גאָ גישט

גֶעהֶערְט. דָאס גֶעזִיבְּט אִיהר׳ס הָאט גֶעבְּרֶענְט אוּנ גֶעשַׁיינְט, דִיא אוֹיגֶען זֶענֶען אֲפִילוּ פוּן וֵויינֶען אוּנ פוּן נִיט שְׁלָאפֶען רוֹיטְלֶעךְ גֶעוֶועזֶן. אָבֶּער צוּ אִיהר שֶׁאנֶעם גֶעשְׁטַאלְט הָאט אוֹיךְ דָאס אַ חֵן צוּגֶעגֶעבֶּען. זִי הָאט קֵיינֶעם אֵיין אֵיינְצִיג וָוארְט נִיט גֶעאֶנְטְווֶערְט אַזוֹי וִוי זִי וָואלְט מִיט אַמָאל שְׁטוּם גֶעוָוארן. דִי מוּהמֶע דְבוֹרָה אִיז אַ גַאנְצֶען טָאג קְרַאנְק גֶעוֶועזֶן אוּנ נוּר גֶעשִׁיקְט עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעוָואהר וֶוערן: וָואס טְהוּט רָחֶל׳ע? וָואס מַאכְט פֵּיינֶע? זִי הָאט אִיהר אוֹיךְ עֶסֶען גֶעשִׁיקְט, אָבֶּער רָחֶל׳ע הָאט אִין מוֹיל נִיט גֶענוּמֶען. אַזוֹי אִיז אַ לַאנְגֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער טָאג אַרִיבֶּער. דִי קְרַאנְקֶע הָאט אַלְץ מֶעהר אוּנ מֶעהר זִיךְ גֶעמַאטֶערְט, דָאס הֶערְץ הָאט זִיךְ גֶעהוֹיבֶּען אוּנ דֶער אָטְהֶעם הָאט וִוי מִיט אַ זֶעג גֶעזֶעגְט. עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען נַאכְט צוּ וֶוערן. דֶער סְטָארָאז הָאט ווִידֶער דָאס רוֹכֶערְנֶדֶע לֶאמְפֶּעל אָנְגֶעצוּנְדֶען נוּר דִיא דוּנְקֶעלְקֵייט אִין שְׁטִיבֶּעלֶע נִיט הֶעלֶער גֶעמַאכְט. עֶס אִיז נַאכְט גֶעוָוארן. סְלַאוֶוע אוּנ נָאךְ אַ שַׁמֶשְׁטֶע הָאבֶּען אָבְּגֶעזָאגְט: נָאט פוּן אַבְרָהָם׳. רָחֶל׳ע הָאט שְׁטִיל זַיי נָאכְגֶעזָאגְט, פוּן פֵּיינֶעם בֶּעט נִיט אָבְּטְרֶעטֶענְדִיג. פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִי זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען, אַזוֹי אַז סְלַאוֶוע הָאט דֶערְזֶעהן וִוי זִי צִיטֶערְט מִיט אַלֶע גְלִידֶער. „וָואס אִיז דִיר, רָחֶל׳ע?” וָואס בִּיזְטוּ אַזוֹי בְּלַאס גֶעוָוארן? הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט. רָחֶל׳ע הָאט מִיט אִיהר פִינְגֶער צוּ דֶער טְהִיר בֶּעווִיזֶען. דָא אִיז ר׳ בּוּנִים דֶער סוֹפֵר גֶעשְׁטַאנֶען וֶועלְכֶער אִיז גֶעקוּמֶען דָא מַעֲרִיב דַאוֶונֶען כְּדֵי דֶער שְׁטֶערְבֶּענְדֶער מִיט דֶער מִצְוָה פוּן הַבְדָלָה נָאךְ מְזַכֶּה צוּ זַיין. נָאךְ אַלְס קִינְד הָאט זִיךְ רָחֶל׳ע דֶעם מַלְאַךְ הַמָּוֶת שְׁטֶענְדִיג פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אִין ר׳ בּוּנִים׳ס גֶעזִיכְט, אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנ טְרוֹיעֶרִיג אִיז זַיין פָּנִים גֶעוֶועזֶן. אִיצְט הָאט זִי נִיט בֶּעמֶערְקְט וִוי עֶר אִיז אַרַיין אוּנ אַז זִי הָאט אִיהם פְּלוּצְלוּנְג אַזוֹי אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ דֶערְזֶעהן אוֹיף אֵיין אָרְט שְׁטֶעהֶענְדִיג הָאט זִי גֶעמֵיינְט: זִי זֶעהט שׁוֹין דֶעם „בַּעַל דָבָר” אַלֵיין. וֶועלְכֶער וַוארְט נוּר דִיא מִינוּט אָב דִיא נְשָׁמָה בַּיי פֵּיינֶען צוּצוּנֶעהמֶען.

— שְׁרֶעק דִיךְ נִיט, הָאט סְלַאוֶוע גֶעזָאגְט, דָאס אִיז ר׳ בּוּנִים, עֶר שְׁטֶעהט שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה מִסְתָּמָא. אִיךְ הָאבּ אִיהם נָאךְ אִין דֶער פְרִיה גֶעבֶּעטֶען קוּמֶען הַבְדָלָה מַאכֶען. דָאס אִיז אַ סְגוּלָה צוּ אַ גְרִינְגֶען טוֹידְט. — בַּאלְד הָאט טַאקִי ר׳ בּוּנִים אָבְּגֶעדַאוֶוענְט אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען צְוֵויי לִיכְט אָנְצִינְדֶען, עֶר הָאט פוּן בּוּזֶעם אַ פְלֶאשֶׁעל מִיט אַרְבִיעִית אַרוֹיסְגֶענוּמֶען, רָחֶל׳ע הָאט דִיא לִיכְט אָנְגֶעצוּנְדֶען אוּנ עֶר הָאט מִיט אַ הֵייזֶרִיגֶער צִיטֶערִיסֶענֶער שְׁטִימֶע הַבְדָלָה גֶעמַאכְט, אַלֵיין אַ זוּפּ גֶעטְהוּן אוּנ אַ בִּיסֶעל וַויין דֶער קְרַאנְקֶער, דוּרְךְ דִי פֶערְשְׁלָאסֶענֶע צֶאנֶער אִין מוֹיל אַרַיינְגֶעגָאסֶען. „פֶערְלֶעשׁ נִיט דִי לִיכְט, רָחֶל׳ע!” הָאט עֶר אָנְגֶעזָאגְט, „נָאךְ אֵיידֶער דִי לִיכְט וֶועלן אוֹיסְגֶעהן וֶועט אִיהר נְשָׁמָה אִין הִימֶעל אַרַיין!” אִיהר אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעוָוארן צוּ צוּזֶעהן דִי לֶעצְטֶע פַּיין פוּן אִיהר טַרַייעֶר פֵּיינֶען. דָאס בִּיסֶעל הַבְדָלָה וַויין אִיז אִיהר אִין הַאלְז גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ זִיא הָאט גֶעהָארְכֶעלְט וִוי אַ גֶעקוֹילֶעטֶע. פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִי אַ שְׁטַארְקֶען חַרַאפּ גֶעטְהוּן אוּנ דָאס זֶענֶען אוּנ חָארְחְלֶען הָאט זִיךְ וִוי אִין מִיטֶען אָבְּגֶעְרִיסֶען. „בָּרוּךְ דַיָּן אֱמֶת!” הָאט ר׳ בּוּנִים אוֹיסְגֶערֶעדְט אוּנ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. דִיא שַׁמֶשְׁטֶעס הָאבֶּען בַּאלְד אַ בִּיסֶעל שְׁטְרוֹיה אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען, אוֹיף דֶער עֶרְד פֶערְשְׁפְּרֵייט אוּנ דִי גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע פוּן בֶּעט אָבְּגֶעהֶעבֶּען אוּנ אוֹיף דֶער עֶרְד מִיט דִי פִיס צוּ דֶער טְהִיר אַוֶועקְגֶעלֶעגְט. רָחֶל׳ע הַאט

א צייט געוויינט איבער איהר. אז די הבדלה ליכט זענען אויסגעגאנגען און מען האט אנדערע אנגעצונדען, האט זי געזאגט:

– איצט נעהמט מיך צו, שרהלע. איצט האב איך שוין דא גאר נישט, גאר נישט!... פיהרט מיך צו אייך אהיים, איך בין מיד, איך וויל אויסרוהען איך זאל מארגען קאנען צו איהר לויה געהן.

שרהלע האט דיא געשטארבענע מחילה געבעטען פאר זיך, פאר רחל׳ען און אויך פאר חייעלען און איז מיט רחל׳ען אהיים געגאנגען. פיעל פון די וואס זענען אין דער צייט אויפן גאס געשטאנען זענען נאכגעלאפען זעהן וואהין פיהרט זי שרהלע און רחל׳ען האבען אי קללות אי בעדויערונג און מיטלייד בעגלייט.

# יד.

צעהן א זייגער אין דער פריה איז פייגעס לויה געוועזן. אלע חברה׳שע ווייבער זענען געקומען זיך מתעסק זיין ווארום די געשטארבענע איז א שמשטע געוועזן אין חברה קדישא פון קליינינצער קהילה. עס זענען אויך בעלי בתים און נכבדים פון שטאדטעל געקומען, ניט אזוי דער געשטארבענער דינסט גומל חסד צו זיין, נור כבוד אבגעבען אין איהר פערזאן איהרע געוועזענע בעלי בתים, וועלכע האבען א מאל דעם שטאדטעל פיעל גוטס געטהון און עס איז א גרויסע, א שאנע לויה געוועזן. מאנכע נגידים׳שע ווייבער אפילו האבען זיך געוואונשען: „אין א בעסערן אופן צו לעבען און נאכ׳ן טוידט קיין ערגערע לויה ניט האבען״. נור נאך מעהר זענען ניינעריגע מענשען געקומען זעהן דיא דערטרונקענע, אדער ענטלאפענע רחל׳ען, וועלכע וועט געוויס ביי דער לויה זיין. שימעלע מלמד האט זיך צוגעגרייט איהר מוסר צו זאגען און ביים אפענעם קבר איהר געבען צו פערשטעהן, אז פייגע איז נור דאריבער געשטארבען, ווייל זי איז מיט איהר בעצה אחת געוועזן: ניט איינצוּווילינגען אין דעם שדוך, וואס איז איהר, רחל׳ען, דורך דעם רבי׳ן זאל לעבען, משמים בעשערט. דאריבער זאל זיא וויסען אז מען שפיעלט זיך מיט דעם לעבען ממש, ווען מען עקשנ׳ט זיך פערקעהרט צו טהון ווי נאט וויל, און זאל זי טאקי דא ביי׳ם אפענען קבר זיך מתודה זיין אז זיא האט שוין אויף אלץ חרטה און איז אויף זיך מקבל חתונה צו האבען מיט איהר אמת׳ן בעשערטען ר׳ העניך׳ס בן יחיד, וואס דורך דעם וועט מען פייגען מוחל זיין אויף יענער וועלט און ער, שימעלע וועט געהאלפען ווערן אויף דער וועלט, מיט א קוּת וואס ניט דריי טאפ מילך א טאג, ווי ר׳ העניך האט איהם מבטיח געוועזן צו צושיקען תיכף נאך זיין זוהנס חתונה. ער איז זיכער געוועזן אז זיין מוסר וועט העלפען און האט צו זיך געזאגט: „כל מה דעביד רחמנא לטב עביד! אלץ וואס דער רבונו של עולם טהוט, טהוט ער. דעם רבי׳נ׳ס זאל לעבען ברכה זאל אין מיר מקוים ווערן און פייגע וועט מיר העלפען מיט איהר טוידט מעהר ווי א אנדערער מיט זיין לעבען״. נור צום אונגליק איז רחל׳ע צו דער לויה ניט געוועזן. זי האט גאר אין דער צייט געשלאפען. שרהלע וועלכע האט איהר עהרן ווארט געגעבען אויפצוּוועקען גאנץ פריה, זי זאל קאנען דערביי זיין ביי דער טהרה און קבורה און זאל בעצאהלען קאנען פאר תכריכים, פאר

אַ אײבּיגען אָרט אױפ׳ן רײנעם פֶעלְד מיט פײנעם כָּשֵׁר פֶערְהָארֶעוֶועט געלד װיא דיא געשׁטָארְבֶּענֶע האט איהר אָנְגֶעזָאגְט – הָאט אֲפִילוּ גֶעפְּרוּבְט זי װֶעקֶען, אָבֶער רָחֶל׳ע האט קוים די אױגען געעֶפֶענְט הָאבֶּען זײ זיך בַּאלְד צוּריק פֶערְמַאכְט און די מוּהמֶע דְבוֹרָה, װעלְכֶע איז בַּאלְד אין דער פְרִיה געקוּמֶען גֶעװָאהר װערן איהר עַקְשָׁנוּתֶע לִיעבֶּע פְלֶעמֶעניצֶע הָאט אָנְגֶעזָאגְט: „װיא נָאט איז דיר לִיעב, שָׂרָה׳לֶע, דוּ זָאלְסְט זי ניט װֶעקֶען װי לַאנְג זי שְׁלָאפְט. „פֵיינֶען װֶעט זי שוֹין זָא װי זָא ניט אױפְהֶעבֶּען און זיא דַארְף נָאך צוּ איהרע כּחות קוּמֶען, זי הָאט זיך נֶעבּיך גענוּג אָנְגֶעלִיטֶען פַאר דֶער גַאנְצֶער צייט!״ שָׂרֶה׳לֶעס מוּטֶער אָבֶער איז אוּנְרוּהִיג גֶעװֶעזן פוּן רָחֶל׳עס ניט נַאטִירְלִיכֶען לַאנְגֶען שְׁלָאף און הָאט איהר טָאכְטֶער אָנְגֶעזָאגְט ניט אַװֶעקְגֶעהן פוּן איהר בֶּעט אֵיין מִינוּט. די אַלְטֶע איז מיט דְבוֹרָה׳ן צוּ דֶער לְוָיָה אַװעג און שָׂרֶה׳לֶע איז דָא אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען דֶער שְׁלָאפֶענְדֶער רָחֶל׳ען גֶעבְּלִיבֶּען. זיצֶענְדִיג אין שְׁטִילֶען צִימֶער אַלֵיין הָאט זי גֶעהֶערְט װי רָחֶל׳ע קְרֶעכְצְט און רֶעדְט ניט בִּינְדִיגֶע װֶערְטֶער אַרוּם װָאס זי הָאט בִּיז איצְט נָאך קֵיינְמָאל פוּן איהר ניט גֶעהֶערְט. זי הָאט אַיינְגֶעזֶעהן אַז רָחֶל׳ע איז עֶרֶענְסְט קְרַאנְק גֶעװָארן. אַ זֵיינֶער אֵיינְס בַּיי טָאג הָאט זי פְּלוּצְלוּנג די אױגען גֶעעֶפֶענְט און זיך סְמוּטְנָא אַרוּמְגֶעקוּקְט, װי זי װָאלְט זיך דֶערְמָאנֶען גֶעװָאלְט, װָאס איז דָא מיט איהר גֶעשֶׁעהן.

– װָאס איז דיר רָחֶל׳ע? הָאט שָׂרֶה׳לֶע גֶעפְרֶעגְט איהר הַאנְד אָנְגֶעהֶמֶענְדיג.

– איך בִּין װַאך שָׂרֶה׳לֶע, אָדֶער זֶעה איך דָאס נָאך אַלְץ אין חָלוֹם?

– דוּא בִּיזְט װַאך רָחֶל׳ע, װָאס בִּיזְטוּ אַזוֹי סְמוּטְנָא?

– פֵיינֶע איז גֶעשְׁטָארְבֶּען? ניט אֱמֶת, איך הָאבּ אַ װַאכֶענְדֶע גֶעזֶעהן װי זי איז גֶעשְׁטָארְבֶּען? הָאט רָחֶל׳ע װידֶער אױסְגֶערֶעדְט. אַך, װָאס פַאר אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען חָלוֹם הָאבּ איך גֶעזֶעהן! מִיר הָאט גֶעדַאכְט, אַז פֵיינֶע לֶעבְט נָאך און אין איהר קֶבֶר הָאט מֶען מיך לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט מְקַבֵּר גֶעװֶעזן. איך הָאבּ גֶעפִיהלְט יֶעדֶע לָאפֶּעטֶע עֶרד װָאס מֶען הָאט אוֹיף מִיר גֶעשָׁאטֶען, איך הָאבּ גֶעװָאלְט שְׁרַייֶען: „איך לֶעבּ נָאך“, נוּר דָאס לָשׁוֹן הָאט מִיר אָבְּגֶענוּמֶען. איך הָאבּ פוּן װַייטֶען מַיין מוּטֶער, מַיינֶע בְּרִידֶערְלֶעך און מַיין משֶׁה׳לֶען גֶעזֶעהן, זֵיי הָאבֶּען אַלֶע גֶעװֵיינְט, זֵייעֶרֶע טְרֶערֶען הָאבֶּען זיך צוּ מִיר אין קֶבֶר אַרַייְנְגֶעקוֵיקֶעלְט און מִיר איז פוּן מִינוּט צוּ מִינוּט אַלְץ עֶנְגֶער און פִינְסְטֶערֶער גֶעװָארן... איך פְּרוּבּ בֶּעװֶעגֶען אַ הַאנְד, זיא רִיהרְט זיך ניט, איך הֵייבּ אָן צוּ קְלֶערן: אֶפְשָׁר בִּין איך בֶּאֱמֶת גֶעשְׁטָארְבֶּען? אֶפְשָׁר פִיהלֶען אַלֶע גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע דָאס זֶעלְבֶּע װָאס איך? אָבֶער װֶען בִּין איך גֶעשְׁטָארְבֶּען? װֶען איז מַיין מוּטֶער מיט מַיינֶע בְּרִידֶערְלֶעך גֶעקוּמֶען מיך בֶּעװֵיינֶען? פַאר װָאס הָאבּ איך מיט משֶׁה׳לֶען חָאטְשׁ אֵיין װָארְט פַאר מַיין טוֹידְט ניט אױסְגֶערֶעדְט? אַך, איך הָאבּ איהם דָאך אַזוֹי פִיעל צוּ עֶרְצֶעהלֶען, אַזוֹי פִיעל צוּ פְרֶעגֶען!.... נֵיין, מִיר גְלוֹיבְּט זיך ניט. עֶס מוּז אַ חָלוֹם זַיין, קְלֶער איך בַּייא זיך און פְּרוּבּ מיך אוֹיפְחַאפֶּען, אָבֶער איך קָאן ניט; פַאר װָאס גֶעװָאהרְט עֶס אַזוֹי פִיעל אוֹיב דָאס איז נוּר אַ חָלוֹם? פַאר װָאס איז מִיר דֶער אָטְהֶעם אַזוֹי עֶנְג? פַאר װָאס טְהוּט מִיר דֶער קָאפּ אַזוֹי װֶעה און פַאר װָאס בְּרֶעכֶען מִיר אַזוֹי אַלֶע מַיינֶע גְלִידֶער? און נָאך אַזֶעלְכֶע פְרַאגֶען פְרֶעג איך בַּיי זיך, בִּיז–איך װֵייס ניט װיא אַזוֹי–מִיר הָאבֶּען זיך דיא אױגֶען גֶעעֶפֶענְט. איהר הָאט מיך גֶעמוּזְט אוֹיפְװֶעקֶען, גוּט הָאט איהר גֶעטְהוּן,

שְׂרֶהלֶע, אִיךְ ווִיל נָאךְ לֶעבֶּען, נִיט פִיעל לֶעבֶּען, אָבֶּער נָאר אוּנְגֶערִיכְט שְׁטַארְבֶּען אִיז נִיט גוּט!....

– אַ חָלוֹם אִיז נָאר נִישְׁט, רָחֶלֶע! הָאט שְׂרֶהלֶע גֶעזָאגְט. אַז מֶען חָלוֹמְט זִיךְ מֶען אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז אַ סִימָן אַז מֶען לֶעבְּט אוּנ מֶען וֶועט לֶעבֶּען! שְׁפַּיי אוֹיס דְרַייא מָאל אוּנ לָאז דִיר פוּן קָאפּ אַרוֹיס דִי נַארֶעשְׁקַייט!

– אַ חָלוֹם אִיז נָאר נִישְׁט! הָאט רָחֶלֶע גֶעאֶנְטְווֶערְט, אִיךְ גְלוֹיבּ אַלֵיין אִין דֶעם נִיט, נוּר אִיךְ וָואלְט וֶועלן ווִיסֶען פוּן וַואנֶען קוּמְט אַזַא חָלוֹם? ווֶען הָאבּ אִיךְ בַּיי טָאג אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען גֶעדַאנְק גֶעהַאט? אָ, שְׂרֶהלֶע אִיךְ פִיהל מִיךְ קְרַאנְק, אִיךְ הָאבּ אַיין נַאנְצֶעס גְלִיד נִיט מֶעהר אִין זִיךְ!

– אִיךְ וֶועל בַּאלְד צוּם דָאקְטָאר לוֹיפֶען, עֶר וֶועט דִיר אַ רְפוּאָה גֶעבֶּען וֶועסְטוּ גֶעזוּנְד זַיין אוּנ אִיךְ וֶועל נָאךְ נַחַת הָאבֶּען פוּן דִיר!

– גֶעהט בֶּעסֶער, בְּרֶענְגְט מִיר אַ בּוֹיגֶעלֶע פַּאפִּיעֶר מִיט אַ טִינְט אוּנ פֶּעדֶער, אִיךְ הָאבּ אַזַא צַייט צוּ מֹשֶׁהלֶען נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ ווִיל אִיהם בֶּעטֶען עֶר זָאל וָואס גִיכֶער צוּ מִיר קוּמֶען.

שְׂרֶהלֶעס מוּטֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּנ גֶעבְּרֶענְגְט אַ פְלַאשׁ ווַיין פוּן דֶער מוּהמֶען.

– אִיז שׁוֹין פַייגֶע דָארְטֶען, רִבְקָה טְהַייעֶרֶע? הָאט רָחֶלֶע גֶעפְרֶעגְט, אַז זִי הָאט דִי אַלְטֶע דֶערְזֶעהן, הָאט מֶען זִי הָאטְשׁ אָרֶדֶענְטְלִיךְ בֶּעגְלֵייט, אָדֶער קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקוּקְט אוֹיף דֶער אָרֶעמֶער דִינְסְט אֲפִילוּ נָאךְ אִיהר טוֹידְט?

– זִי אִיז שׁוֹין דָארְט, רָחֶלֶע, אִין דֶער אֱמֶת'ר וֶועלְט! הָאט רִבְקָה גֶעאֶנְטְווֶערְט, אִיהר אִיז שׁוֹין גוּט. זִי אִיז שׁוֹין מֶעהר קֵיין דִינְסְט נִיט אוּנ אַז מִיר וֶועט בֶּעשֶׁערְט זַיין אִין אַ בֶּעסֶערן אוֹפֶן אוֹיסְצוּלֶעבֶּען מַיינֶע יָאהרען זָאל אִיךְ קֵיין עֶרְגֶערֶע לְוָיָה נִיט הָאבֶּן! זִי אִיז אַ עֶהְרְלִיכֶע אַ גוּטֶע אוּנ אַ פְרוּמֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער גֶעוֶועזֶן, אַזוֹי פִיעל גוּטֶע מְלִיצִים זָאלֶן אִיהר עֶנְטְגֶעגֶען קוּמֶען וְוִיפִיעל מַעֲשִׂים טוֹבִים אִיךְ ווֵייס פוּן אִיהר צוּ דֶערְצֶעהלֶן. זָאל זִיא שׁוֹין אַ גוּטֶע בֶּעטֶערִין זַיין פַאר דִיר, מַיין קִינְד, אוּנ פַאר אוּנְז אַלֶעמֶען!

– אִיז מַיין מוּהמֶע דְבוֹרָה גֶעוֶועזֶן אוֹיפְ'ן רֵיינֶעם פֶעלְד?

– זִי אִיז גֶעוֶועזֶן אוּנ קוֹים אַלֶעבֶּעדִיגֶע אַרָאפּ. דִיא זוּנְן הָאט אִיהר דֶעם קָאפּ אָנְגֶעבְּרֶענְט, אַ שְׁוַואכֶע אִיז זִי, זִיךְ גֶענוּג אָנְגֶעווֵיינְט, אִיךְ הָאבּ זִי פוּן דַיין זֵיידֶענְס קֶבֶר קוֹים צוּנֶענוּמֶען אוּנ אַהֵיים אַוֶועג גֶעפִיהרְט. פַאר דִיר, מַיין טָאכְטֶער, הָאט זִי אִיהם גֶעבֶּעטֶען, זִי הָאט קֵיין כַּעַס חָלִילָה אוֹיף דִיר. אִין שְׁטוּבּ הָאט זִי קְרַאנְקֶעהַייט אַ פְלַאשׁ ווַיין אוֹיסְגֶעזוּכְט, מִיר דֶערְלַאנְגְט אוּנ אָנְגֶעזָאגְט דוּא זָאלְסְט עֶס טְרִינְקֶען אוּנ צוּ דַיינֶע כֹּחוֹת קוּמֶען. אַז אִיהר וֶועט דֶער קָאפּ וֶועהטִיג אִיבֶּערְגֶעהן וֶועט זִי דָא זַיין!

– מַיין גוּטֶע מוּהמֶע, מַיין לִיעבֶּע מוּהמֶע! נוּר צַעַר הָאט זִי פוּן מִיר!

– זִי וֶועט נָאךְ נַחַת אוֹיךְ הָאבֶּען, רָחֶלֶע! הָאט דִי אַלְטֶע גֶעטְרֶאסְט.

– נַחַת הָאבֶּען פוּן מִיר? ווֶען? ...

– לָאז זִיךְ נִיט אָבּ רָחֶלֶע. נֶעהם אַ בִּיסֶעל ווַיין, וֶועסְטוּ דַיין הַארְץ דֶערְפְרִיהלֶען!

– אִיךְ קָאן הַיינְט קֵיין ווַיין נִיט טְרִינְקֶען, רִבְקָה! דֶער קָאפּ טְהוּט מִיר וֶועה. אַךְ וָואס קוּמְט שְׂרֶהלֶע נִיט? אִיךְ ווִיל אַ בְּרִיוֶועלֶע אָנְשְׁרַייבֶּען, זָאל עֶר גִיכֶער קוּמֶען...

נִיבָער רִבְקָה!... וָוער ווייס אוֹיב מָארְגֶען וָועל אִיךְ נָאךְ קָאנֶען שְׁרַייבֶּען?

אִין דֶער מִינוּט אִיז שָׂרֶהלֶע אַרַיינְגֶעקוּמֶען מִיט אַ טִינְט אוּנ פֶעדֶער. רָחֶלֶ׳ע הָאט זֵיי צוּגֶעזָאגְט אַלְץ צוּ טְהוּן וָואס זֵיי וֶועלן הֵייסֶען. נוּר זֵייא זָאלֶען זִי אִיצְט אַלֵיין לָאזֶען חָאטְשׁ אוֹיף אַ הַאלְבּ שָׁעָה בִּיז זִי וֶועט דָאס בְּרִיוָועלֶע אוֹיפְשְׁרַייבֶּען. זֵיי הָאבֶּען אִיהר בֶּעטֶען זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט עֶנְטְגֶעגֶען שְׁטֶעהן אוּנ זֶענֶען פוּן צִימֶערל אַרוֹיס, זִי הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט שְׁרַייבֶּען. קוֹים אָבֶּער הָאט זִיא דְרַיי שׁוּרוֹת אָבְּגֶעשְׁרִיבֶּען אִיז אִיהר דֶער קָאפּ שְׁוֶוער גֶעוָוארן, דִיא גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען זִיךְ פֶערְפְּלוּנְטֶערְט, אִיהרֶע פִינְגֶער הָאבֶּען זִיךְ אִין אַ פַיינְלִיכֶען קְרַאמְפְּף פֶערְצוֹיגֶען אוּנ דִיא פֶעדֶער אִיז אִיהר פוּן הַאנְד אַרוֹיסְגֶעפַאלֶען. זִי אִיז אִיבֶּער דָאס פַּאפִּיער אַיינְגֶעבּוֹיגֶען גֶעזֶעסן אוּנ אִיהרֶע טְהרֶערן הָאבֶּען זִיךְ שְׁטִיל גֶעגָאסֶען. „גֶענוּג דִיר שְׁרַייבֶּען, גֶענוּג זִיךְ דָאס גֶעזוּנְד אַרוֹיסְצוּנֶעהמֶען! „הָאט שָׂרֶהלֶע גֶעשְׁרִיעֶן אַז זִי הָאט זִי אִין אַזַא לַאגֶע גֶעפוּנֶען. וֶועה אִיז מִיר, ווִי קָאן אַ מֶענְשׁ לֶעבֶּען אָהן עֶסֶען אָהן טְרִינְקֶען? פוּן פְרַייטָאג אָן הָאסְטוּ דָאךְ אֲפִילוּ אַ שְׁלוּק קַאלְטֶעס וַואסֶער אִין דַיין מוֹיל נִיט גֶעהַאט!

„גֶענוּג מִיר שְׁרַייבֶּען... גֶענוּג, שָׂרֶהלֶע!...״ הָאט זִי בִּיטֶערְלֶעךְ אוֹיסְגֶערֶעדְט, מַיין קָאפּ זָאגְט זִיךְ שׁוֹין אָבּ מִיר גֶעדַאנְקֶען צוּ גֶעבֶּען, מַיינֶע פִינְגֶער ווִילֶען שׁוֹין דִיא פֶעדֶער אִיבֶּער דָאס פַּאפִּיער מֶעהר נִיט פִירֶען. „גֶענוּג שְׁרַייבֶּען!״ זָאגֶען זֵיי, פַאר וָואס זָאגְט אָבֶּער מַיין הֶערְץ נִיט: „גֶענוּג!״? אֶפְשָׁר וֶועלן מַיינֶע פֶערְנָאסֶענֶע טְהרֶערן אוֹיף דָאס בְּלֶעטֶעל פַּאפִּיער, אִיהם זָאגֶען אַ מָאל וָואס פִיהלְט דָאס הֶערְץ מַיינְס אִיצְט... עֶר וֶועט זֵיי פֶערְשְׁטֶעהן, עֶר, אַלֵיין נוּר עֶר וֶועט זֵיי פֶערְשְׁטֶעהן!...״ דִי אַלְטֶע אִיז אוֹיךְ בַּאלְד אַרַיינְגֶעקוּמֶען אוּנ הָאט נַאכְטַאיֶעוֶועט זִי זָאל עֶפִּיס אִין מוֹיל נֶעהמֶען.

— נִיט נוֹיטְהּ מִיךְ וָואס אִיךְ קָאן נִיט מֶעהר! הָאט זִיא גֶעבֶּעטֶען, אִיהר ווייסְט דָאךְ, אִיךְ הָאבּ אַייךְ אַלֶע מָאל צוּלִיעבּ גֶעטְהוּן אוּנ ווִיל אַייךְ גֶערן פָאלְגֶען, אָבֶּער הַיינְט קָאן אִיךְ נִיט! פִירְט מִיךְ בֶּעסֶער אוֹיף דֶער גַאס אַרוֹיס. מִיר אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ אִיבֶּעל, אֶפְשָׁר וֶועט מִיךְ דִי פְרִישֶׁע לוּפְט שְׁטַארְקֶען.

שָׂרֶהלֶע הָאט זִיא אוּנְטֶער דִי הֶענְדְט אַרוֹיסְגֶעפִיהרְט אוּנ מִיט אִיהר אוּנְטֶערן פֶענְסְטֶערל זִיךְ אַוֶועקְגֶעזֶעצְט. עֶס אִיז שׁוֹין פַאר נַאכְט גֶעוֶועזן, רָחֶלֶ׳ע הָאט אוֹיף יֶענֶעם בְּרֶעג הִימֶעל גֶעקוּקְט, וואוּ דִיא זוּנְן הָאט זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג אוּנְטֶער אַ שְׁוַוארְצֶען שְׁטִיק וָואלְקֶען בֶּעהַאלְטֶען הָאכֶער אַ בִּיסֶעל הָאבֶּען זִיךְ גְרוֹיסֶע, ווִיא שְׁנֵייא בֶּערְג הוֹיכֶע שְׁפִּיצֶען וָואלְקֶען אַרוֹיפְגֶעטְרָאגֶען אוּנ הָאבֶּען מִינוּטֶענְוַוייז זֵייעֶר פַארְבּ אוּנ פִיגוּר גֶעבִּיטֶען. אִיהר פִיבֶּערְנְדֶע פַאנְטַאזִי הָאט אִיהר אִין דִי וָואלְקֶען — פִיגוּרֶען אוֹיסְגֶעמָאלְט אוֹיף וֶועלְכֶע זִי הָאט אָהן מְהרֶערן נִיט גֶעקוּקְט. פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִי זִיךְ אָן שָׂרֶהלֶען אָנְגֶעהַאפְּט אוּנ מִיט שְׁרֶעק אוֹיסְגֶערֶעדְט:

— זֶעהט דָארְט, אִין דֶער הוֹיךְ, אִיבֶּער יֶענֶעם שְׁוַוארְצֶען וָואלְקֶען, דָארְט טְרָאגְט מֶען אַ מִיטָּה! אַלְטֶע לַייט, גְרוֹיסֶע אוּנ קְלֵיינֶע גֶעהֶען אַזוֹי ווִיא צוּ אַ לְוָיָה. וֶועמֶען טְרָאגְט מֶען דָארְט, שָׂרֶהלֶע? וֶוער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען? אוּנ דָארְט, זֶעהט אִיהר קוֹסֶען אַ סַךְ מֶענְשֶׁען עֶנְטְגֶעגֶען, פַיינֶען טְרָאגְט מֶען עֶס אַזוֹי! בַּאלְד וֶועל אִיךְ אוֹיךְ מַיין זֵיידֶען אוּנ מַיין לִיעבֶּען פָאטֶער זֶעהן אִיהר עֶנְטְגֶעגֶענְקוּמֶענְדִיג!... זֶעהט דָארְט, שָׂרֶהלֶע, וואוּ דִיא זוּנְן הָאט זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען, וואוּ דִיא וָואלְקֶען זֶענֶען ווִיא מִיט גָאלְדֶענֶע בְּרֶעגֶען

אַרוּמְגֶעוֶועטְצְט, פוּן דָארְט קוּקְט אַ לִיכְטִיג גֶעזִיכְט אוֹיף מִיר, עֶס ווִינְקְט צוּ מִיר אוּנ רֵיהרְט מִיט זַיינֶע לִיכְטִיגֶע שְׁטְרַאהלֶען מַיינֶע אוֹיגֶען אָן... עֶרְקֶענְט אִיהר אִיהם נִיט? משֶׁהלֶע אִיז דָאס, אַךְ, מִיר ווִילְט זִיךְ גֶעהן אַהִין!.... מִיר דַאכְט: אִיךְ הָאבּ פְלִיגְלֶען אִיךְ בִּין גְרִינְג, אִיךְ ווֶעל פְלִיהֶען, לָאזְט מִיךְ, לָאזְט מִיךְ, שָׂרֶה'לֶע!....״ מִיט דִיא פַייעֶרְלִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאכֶענֶע ווֶארְטֶער הָאט זִי זִיךְ אַהֵייבּ גֶעטְהוּן אוּנ אִיז בַּאלְד שָׂרֶה'לֶען צוּרִיק אוֹיפְן הַאלְז גֶעפַאלֶען.

„גֶעוַואלְד, רַאטֶעוֶועט!״ הָאט שָׂרֶה'לֶע מִיט שְׁרֶעק אַ גֶעשְׁרַיי גֶעטְהוּן, זִי הָאט גֶעמֵיינְט, רָחֶל'ע אִיז פוּן זִינֶען אַרָאפּ; נוּר רָחֶל'ע אִיז אַ צוּזַאמֶענְגֶעקְרָאמְפְּטֶע אוֹיף אִיהר הַאלְז גֶעלֶעגֶען, דָאס גֶעזִיכְט אִיז בְּלוֹי גֶעוָוארן, דִי אוֹיגֶען אִיבֶּערְגֶעקֶעהרְט אוּנ אַלֶע גְלִידֶער הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט. דִי מוּטֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען אוּנ בֵּיידֶע הָאבֶּען זִי אִין שְׁטִיבֶּעל אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען אוּנ אוֹיף אִיהר בֶּעטֶעל אַוֶועקְגֶעלֶעגְט. שָׂרֶה'לֶע אִיז צוּם דָאקְטָאר אַוֶועקְגֶעלָאפֶען אוּנ דִי מוּטֶער אִיז נֶעבֶּען דֶער קְרַאנְקֶער גֶעזֶעסֶן אוּנ מִיט טְרֶערֶען גֶעוַויינְט אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן: „גוּטֶע רָחֶל'ע, ווָאס מַאכְסְטוּ אוּנְז אַ זֶעלְבֶּע שְׁמֶערְצֶען אָן? זַיי גֶעזוּנְד, דִיא נְשָׁמָה מַיינֶע, נֶעהמְסְטוּ מִיר אַרוֹיס!״ נוּר רָחֶל'ע הָאט נִיט גֶעהֶערְט אוּנ אֶנְטְוֶוערְן נִיט גֶעקָאנְט.

דֶער דָאקְטָאר אִיז גֶעקוּמֶען, מֶען הָאט אַ לִיכְטֶעל אָנְגֶעצוּנְדֶען, עֶר הָאט דִיא קְרַאנְקֶע בֶּעטְרַאכְט, מַאנְכֶע מִיטֶעל אָנְגֶעווֶענְדֶט זִי צוּ זִיךְ צוּ בְּרֶענְגֶען, שָׂרֶה'לֶע אִיז אִין אַפְּטֵייק גֶעלָאפֶען, אַ רֶעצֶעפְּט גֶעבְּרַאכְט אוּנ נָאךְ צְווַייא שְׁרֶעקְלִיכֶע פַיינְפָאלֶע שְׁטוּנְדֶען הָאט אִיהר דֶער קְרַאמְפְּף אָבְּגֶעלָאזֶען; אָבֶּער זִי אִיז אַזוֹי שְׁוַואךְ גֶעוֶועזֶן אַז זִי הָאט זֶעלְבְּסְט דֶעם דָאקְטָאר אוֹיף זַיינֶע פְרַאגֶען נִיט גֶעקָאנְט אֶנְטְוֶוערְן. פַאר'ן אַוֶועקְגֶעהן הָאט דֶער דָאקְטָאר אָנְגֶעזָאגְט זִי נוּר צוּ רוּהֶע לָאזֶען, אִיהר קְרַאנְקְהֵייט ווַייס עֶר נָאךְ נִיט רִיכְטִיג ווִי אַ נָאמֶען צוּ גֶעבֶּען, יֶעדֶענְפַאלְס אִיז זִי גֶעפֶעהרְלִיךְ קְרַאנְק. מֶען הָאט בַּאלְד דֶער מוּהמֶע דְבוֹרָה'ן גֶעגֶעבֶּען אַ יְדִיעָה, זִי אִיז אַ קְרַאנְקֶע אַהֶערְצוּ גֶעקוּמֶען, אוּנ אִיז צוּזַאמֶען מִיט דִי בֵּיידֶע פְרוֹיעֶן נֶעבֶּען בֶּעט בִּיז טָאג גֶעזֶעסֶן. עֶס אִיז קוֹים טָאג גֶעוָוארֶן הָאט דְבוֹרָה גֶעלָאזְט אַ דֶעפֶּעשֶׁע אוֹיפְשְׁרַייבֶּען צוּ אִיהר מַאן אוּנ צוּ חַייעֶלֶען זַיי זָאלֶען תֵּיכֶף אַרוֹיסְפָאהרֶען. „רָחֶל'ע אִיז דָא אוּנ אִיז גֶעפֶעהרְלִיךְ קְרַאנְק.״ דֶער דָאקְטָאר הָאט אוֹיף מָארְגֶען אוֹיךְ קֵיין טְרֶאסְטֶענְדֶע הָאפְנוּנְגֶען גֶעגֶעבֶּען. דִי קְרַאנְקֶע הָאט אִיבֶּער פִיעֶרְצִיג גְרַאד הִיטְץ גֶעהַאט אוּנ הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ בְּרֶעדְיֶען. ווֶעהר ווֶעלְכֶען הָאט זִי דִי אוֹיגֶען גֶעאֶפֶענְט אוּנ דַאן פְלֶעגְט זִי קוֹים אַרוֹיסְרֶעדֶען דִיא ווֶערְטֶער: „אִיז שׁוֹין מַיין מוּטֶער גֶעקוּמֶען? פַאר ווָאס זֶעה אִיךְ זִי נָאךְ נִיט?״ שָׂרֶה'לֶעס יוּנְגֶעל הָאט פוּן בֶּעט נִיט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען אוּנ הָאט גֶעווַיינְט פוּן רַחֲמָנוּת אוֹיף זַיין לִיעבֶּע רָחֶלֶען. דִיא מוּהמֶע הָאט שׁוֹין מֶעהר קֵיין כֹּחַ גֶעהַאט אוֹיף אִיהרֶע פִיס זִיךְ צוּ הַאלְטֶען אוּנ אִיהר הַארְץ אִיז צוּגַאנְגֶען פוּן רַחֲמָנוּת אוֹיף אִיהר לִיעבּ קִינְד אוּנ פוּן כַּעַס ווָאס אִיהר מַאן מִיט חַייעֶ'לֶען קוּמֶען נָאךְ נִיט. דֶער דָאקְטָאר הָאט נִיט גֶערַאטְהֶען דִי קְרַאנְקֶע אִיבֶּער טְרָאגֶען עֶרְגֶעץ אִין אַ לוּפְטִיגֶערֶן צִימֶער: בֶּעסֶער זָאל זִי דָא זַיין אֵיידֶער זִי בֶּעאוּנְרוּהִיגֶען אִיבֶּערְצוּטְרָאגֶען אִין אַ פִינְסְטֶער גַאס ווָאוּ דְבוֹרָה הָאט גֶעווָאהְנְט. שָׂרֶה'לֶע הָאט מֶעהר אִיהר אוֹיוֶוען נִיט גֶעהֵייצְט אוּנ בַּיי אָפֶענֶע פֶענְסְטֶער אִיז דִיא לוּפְט אִין אִיהר צִימֶער עֶרְטְרָאגְלִיךְ גֶעוֶועזֶן.

אױף דֶעם דְרִיטֶען טָאג פַאר נַאכְט, אַז דְבוֹרָה אִיז שׁױן אָהן כּחוֹת גֶעװֶעזֶען פוּן װײנֶען אוּנ װַאכֶען גֶעבֶּען דֶער קְרַאנְקֶער אוּנ אִיז נוּר װָאס גֶעקוּמֶען אִין אִיהר הֵײם אױסְרוּהֶען אַ בִּיסֶעל. זִי זָאל כּחַ הָאבֶּען רָחֶל'ען צוּ דִינֶען מִיט װָאס זִי קָאן — אִיז צוּגֶעפָאהרֶן אַ פוּהר אוּנ זִיךְ אָבְגֶעשְׁטֶעלְט נֶעבֶּען אִיהר טְהִיר. זִי אִיז פוּן בֶּעט אַרָאבּ, אוּנ הָאט בַּײ דֶער טְהִיר אִיהר מַאן בֶּעגֶעגֶענְט.

— װאוּ בִּיזְטוּ פַארְפַאלֶען גֶעװָארֶן? הָאט זִי מִיט אַ װײנֶענְדִיגֶער שְׁטִימֶע גֶעפְרֶעגְט. װִי הָאט מֶען דָאס קֵײן גָאט אִין הַארְצֶען אוּנ מֶען זִיטְצְט זִיךְ רוּהִיג, בְּעֵת עֶס קוּמְט אַזַא דֶעפֶּעשֶׁע אָן?

— עֶרְשְׁט הַײנְט פְרִיה הָאט ר' פִּנְחָס'ל מִיר גֶעזָאגְט: עֶר הָאט אַ יְדִיעָה אַז רָחֶל'ע אִיז דָא אוּנ אִיז קְרַאנְק גֶעװָארֶן, הָאט עֶר זִיךְ פֶערְאֶנְטְװֶערְט, אִיךְ בִּין בַּאלְד צ'ם רֶבִּי'ן אַרַײן, אִיהם אַ פִּדְיוֹן גֶעגֶעבֶּען פַאר אִיהר גֶעזוּנְד אוּנ אַז עֶר הָאט מִיר גֶעהֵײסֶען פָאהרֶן בִּין אִיךְ שׁױן גֶעפָאהרֶן. נִישְׁקָשֶׁה זִי װֶעט גֶעזוּנְד זַײן, דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען הָאט גֶעזָאגְט: „זָארְגְט נִיט, זִי װֶעט גֶעזוּנְד זַײן!“

— װָאס שְׁטֶעהסְטוּ דָא װִי אַ גוֹלֶם? הָאט דְבוֹרָה מִיט כַּעַס פוּן װֶעהטִיג גֶעשְׁרִיעֶן. גֶעה, זֶעה, צוּ װֶעסְטוּ זִי גָאר דֶערְקֶענֶען! גֶעה, זֶעה דַײן בְּרוּדֶערְס טָאכְטֶער, אַ כַּלָּה פוּן אַכְצֶעהן יָאהר אַזַא לוּיבְּטִיג קִינְד, זֶעה װִי זִי מַאטֶערְט זִיךְ, װִי הָאלֶעװָסְקַא שְׁװַארְץ אִיז זִי שׁױן פֶערְבְּרֶענְט גֶעװָארֶן פוּן אוּנְזֶערֶע אַבֵרָיוֹת! גֶעה הָאטְשׁ זִיךְ מְתַוֶדֶה זַײן אױף דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגֶען קָרְבָּן װָאס דוּ הָאסְט מִיט דַײנֶע הֶענְד גֶעקוֹילֶעט!... װָאס שְׁטֶעהסְטוּ נָאךְ אוּנ קוּקְסְט מִיךְ אָן?

— אָבֶּער װָאס שְׁרַײסְטוּ אַזױ? הָאט עֶר זִיךְ אָבְגֶערוּפֶען, אִיז שׁױן גָאר קֵײן הִילְף נִיטָא? אִיךְ זָאג דִיר דָאךְ אַז זִי װֶעט גֶעזוּנְד זַײן. שׁוֹטֶה, דוּ הֶערְסְט דָאךְ װָאס דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען הָאט גֶעזָאגְט, זִי װֶעט גֶעזוּנְד זַײן. לָאז מִיךְ אִין שְׁטוּבּ אַרַײן, אִיךְ הָאבּ נָאךְ קֵײן מַעֲרִיב נִיט גֶעדַאװֶענְט.

— אַלְטֶער נַאר! הָאט דְבוֹרָה אַ גֶעשְׁרֵײ גֶעטְהוּן, װִי זִיכֶער עֶר אִיז, װִי קַאלְט אִיז זִיךְ זַײן לוּנְג אוּנ לֶעבֶּער! דֶער רֶבִּי, זָאגְט עֶר, טְהוּט פַאר אִיהר... װֶער עֶס װִינְשְׁט אוּנְז בָּאז זָאל דָאס טְהוּן מִיט זַײנֶע קִינְדֶער װָאס דֶער רֶבִּי אוּנ מִיר הָאבֶּען גֶעטְהוּן מִיט אוּנְזֶער בְּרִילְיַאנְט קִינְד! גֶעה, זָאג אִיךְ דִיר, שְׁלָאג זִיךְ אָשַׁמְנוּ אִיבֶּער אִיהר טוּיטֶען בֶּעט אוּנ בֶּעט גָאט עֶר זָאל אוּנְז פַאר אִיהר צוּנֶעהמֶען!

ר' שְׁלֹמֹה אִיז פוּן אַזַא נִיט עֶרְװַארְטֶעטֶע בֶּעגֶעגְנִיס װִי אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶער גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ נִיט גֶעװוּסְט װָאס צוּ אֶנְטְװֶערֶן. „אוּנ דִי טְרַײיֶע מַאמֶע הָאט נִיט גֶעקָאנְט מִיטְפָאהרֶן? הָאט דְבוֹרָה װִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען. אַ, אִיךְ הָאבּ פֶערְגֶעסֶען, עֶרְשְׁט נָאךְ אִיהר הוּפָּה אוּנ בַּײ דֶעם בַײעֶן מַאן אִיז דֶעם יוּנְג װַײבֶּעלֶע פְּרֶעהלִיכֶער צוּ זִיטְצֶען װִי דָא מִיט דִי אוֹיגֶען צוּזֶעהן װִי אִיהר שֶׁאן קִינְד רַאנְגֶעלְט זִיךְ מִיט דֶעם טוֹידְט! נִיט גֶעדַאכְט זָאלֶן אַ זֶעלְכֶע װַײבֶּער זַײן, נִיט גֶעבּוֹירֶן זָאלֶן אַזֶעלְכֶע מַאמֶעס װֶערֶן, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!

— זִיא װֵײס נָאךְ גָאר נִישְׁט, הָאט עֶר אױסְגֶערֶעדְט, ר' פִּנְחָס'ל הָאט נִיט גֶעהֵײסֶען זָאגֶען הָאבּ אִיךְ אִיהר נִיט גֶעזָאגְט. נוּר װאוּ אִיז זִיא? לִיגְט זִי דֶען אַלֵײן אִין שְׁטוּבּ? װֶער אִיז דָארְט נֶעבֶּען אִיהר? פֵײגֶע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, דָאס הָאבֶּען מִיר גֶעהֶערְט.

נִיט אוּנְטֶער אִיהר טַאטֶענְס דַאךְ לִיגְט זִיא גֶעבִּיךְ!... מַײן עֶלֶענְד קִינְד, עֶס אִיז אַ מוּסָר זִיךְ אַרָאבְּצוּנֶעהמֶען, הָאט דְבוֹרָה װַײטֶער גֶעטַעֲנָה'ט אוּנ גֶעװֵײנְט. ר'

אַבֿרהם׳ס ליעבסטע ענינקעל, דעם נגיר ר׳ לײזער׳ס געראָטהענע קינד וואָלט אפשר אויף דער נאָס געשטאָרבען, ווען די אָרעמע באָקערקע, שׂרה׳לע דיא אַלמנה וואָלט זיך ניט מרחם געוועזן איהר אַ ווינקעלע בײַ זיך צו געבען וואו חאָטש קראַנק צו ליגען.

— פֿאַר וואָס האָסטו זי צו זיך ניט גענומען?

— פֿאַר וואָס האָסטו געשוואָרן, אַז דו וועסט זי איבער דײַן שוועל ניט אַריבערלאָזען, ביז זי וועט טהון דאָס וואָס איהר האַרץ גלוסט ניט צו טהון? נעה, זאָג איך דיר אונ בעט זי מחילה! בײַם דײַנע נײַסע האָר אוים פֿון דײַן באָרד, טאָמער וועט נאָך אונזער צער צוזעהן אונ זי וועט נאָך אונזער נחת זײַן!

ר׳ שלמה איז ווי אַ דערשלאָגענער נאָכגעגאַנגען נאָך זײַן דבֿורהן, וועלכע האָט פֿון צער איהר אייגענע שמערצען פֿערגעסען אונ ער האָט זיך פֿון איהר געלאָזט אַרײַנפֿיהרן צו שׂרה׳לען. שׂרה׳לע האָט אין די לעצטע טאָג וועניג געקאָנט קוקען אויף די אָרדנונג אין איהר שטיבעלע אונ ר׳ שלמה האָט געמיינט: ער געפֿינט זיך אין אַ גרויס אַ פֿינסטערע. ער איז גלײַך צו רחל׳ען צו. שׂרה׳לע האָט איהר די צאָנער פֿאַנאַנדער געריסען אונ די אַלטע האָט אַ לעפֿעל מעדיצין אַרײַנגעגאָסען. ער האָט זי ניט ערקענט, אויף איהר ליעבעס געזיכט זענען שרעקליכע סימנים געלעגען פֿון איהרע העפֿטיגע לײַדען, איהרע ליפּען פֿערברענט אונ שוואַרץ ווי קויהל, דיא אויגען האַלב פֿערגלאָצט אונ טיף אין קאָפּ אַײַנגעזונקען. טהרערן האָבען זיך אָנגעהויבען גיסען פֿון זײַנע אויגען אָבער זיי האָבען איהם דעם אָטהעם פֿרײַ געמאַכט.

— איז דאָס מײַן ליכטיגע רחל׳ע? האָט ער מיט אַ הערצברײַסענדער שטימע אויסגערעדט, איז דאָס מײַן ליכטיג קינד, וואָס האָט מײַן האַרץ אַזוי דערפֿרעהט שטאַנדיג ווען איך האָב איהרע ליכטיגע אויגען געזעהן? רחל׳ע, רחל׳ע! האָט ער ווי אַ משוגע געשריען, עפֿען דײַנע ליכטיגע אויגען אונ זעה דײַן פֿאָטער שלמה שטעהט דאָ פֿאַר דיר אונ בעט נאָט: איך זאָל פֿאַר דיר לײַדען אונ דוא זאָלסט לעבען אונ געזונד זײַן!

מיט די רייד האָט ער זיך פֿאַר איהר בעט אַראָפּגעלאָזען, געוויינט אונ געברומט אונ דאָס געוויין אין שטיבעלע האָט ניט אויפֿגעהערט ביז דער דאָקטאָר איז געקומען אונ האָט זייא מיט געוואַלד צוטריבען. דער פֿאָטער האָט זיך ניט געלאָזט אָבטרײַבען פֿון בעט

— האָט רחמנות, העיר דאָקטאָר, האָט ער געשריען, ראַטעוועט זי, ראַטעוועט מײַן קינד, וואָס איך האָב וועל איך פֿאַר איהר אַוועקגעבען!

דער דאָקטאָר, וועלכער האָט שוין פֿון שׂרה׳לען געוואוסט וויפֿיעל רחל׳ע האָט זיך אָנגעליטען אונ אָנגעקלעמט ביז זי איז צו דער לאַגע געקומען — איז נור אין כעס געוואָרן אַז ער האָט די צושפּאַטע טהרערן ר׳ שלמה׳ס דערזעהן.

— בײַ מיר בעט איהר הילף? האָט ער מיט אַ באָזען געלעכטער געענטפֿערט. וואו איז דער רבי אײַערער? וואו זענען אײַערע הייליגע ראַטהגעבער, וועלכע האָבען די אונשולדיג לײַדענדע צו דער לאַגע געבראַכט?... פֿאַרצײַטיגע נאַטצענדיגער זענען קלינער געוועזן פֿאַר אײַך: זיי פֿלעגען מחיק אַראָבברענגען אונ מיט פּויקען לאָזען קלאַפּען, בעת זיי פֿלעגען זייערע קינדער אַלס קרבן צום אַבֿנאָט פֿערברענגען, זייא זאָלן דאָס קינדס שרײַען ניט האָרן!... וואָס ווײַנט איהר? רופֿט איך בעסער אַ הערצ

אַנדערע חסידים, ברעננט ברוינפּען, זאָלן זיי דאָ טאַנצען און זינגען פאַר אייך. בעט אייער קרבן בראַט זיך אין דעם פייער וואָס איהר האָט מיט אייער ווילדען פאַנאַטיזם אָנגעצונדען! העלף איהר דוא, נאָט אין הימעל. מיינע מיטעל זענען ווי גאָר ניט געגען דיא וועלכע דוא האָסט דיא ליידענדע פון טוידט צו רעטען!... מיט דיא וואָרטער האָט ער די טהיר אַ וואָרף געטהון און איז אַרויס.

„ניין, ניין! האָט ר' שלמה געשריען, גאָט איז דער רופא כל בשר! וואָס ווייס דער נאַרישער אַפּיקורוס? דעם רבינ'ס תפלה און זכות זאָלן איהר בייששטעהן. זי מוז געזונד זיין, זי וועט געזונד זיין!"

ווי אַ צומישטער איז ער פון שטיבעלע אַרויסגעלאָפען און גלייך אין בית המדרש אַוועק. דאָ האָט ער מיט אַ עולם מענשען ביז טאָג תהלים געזאָגט און אַ טעלעגראַמאַ געשיקט: „ראַטעוועט, רבי! די געפאַהר איז גרויס. ליגט שוין אָהן לשון. זאָל די מוטער ניבער אַרויס פאָהרן!" אַביסעל געטראָסט מיט דעם בטחון אַז דער רבי וועט דאָס זייניגע טהון און דיא סגולה פון תהלים דאָס איהריגע — איז ער מיט בעגינען צוריק צו דער קראַנקער אַוועק און האָט זי ווירקליך געפונען פרייער אַ ביסעל ווי פריהער: דער קראַמפּף האָט אָבגעלאָזען, איהר ליעבעס געזיכט האָט צוריק די שאָנע צינען בעקומען און איהר ליעבער חן האָט נאָך איצט מעהר צוגעצויגען צו איהר ווי זאָנסט. ער האָט איהר האַנד אָנגענומען, זי איז וואַרעם האָטש זעהר טרוקען געוועזען.

— רחל'ע, מיין גאָלדען קינד, האָט ער שטיל אויסגערעדט, ערקענסטו דיין פעטער שלמהן? זי האָט איהר האַלב אָפענע אויגען אין גאַנצען געעפענט. איהם סטוטנאַ אָנגעקוקט און דעם קאָפּ צוריק פערוואָרפען. ער האָט מעהר ניט געפרעגט. אַז דיא זונן האָט שוין אַרויסגעשיינט האָט זיא ווידער די אויגען געעפענט.

— ערקענסטו מיך, רחל'ע? האָט ער ווידער געפרעגט. דיין פעטער שלמה, דיין טרייער איינציגער פעטער וואָס האָט געלעבט צו ליעב דיר און וויל איצט שטאַרבען פאַר דיר — שטעהט דאָ פאַר דיין בעט, זעהסטו איהם ניט, רחל'ע?

זי האָט איהם אָנגעקוקט, איהרע אויגען האָבען אָנגעהויבען ליכטיגער שיינען. ער האָט זיך איבער איהר אַריבערגעבויגען און זיינע הייסע טהרערן זענען איבער געזיכט געפאַלען.

— אַך, מיין פעטער! מיין טרייער, ליעבער פעטער! האָט זי זעהר שוואַך ווי אויסגעזיפצט. — האָסטו מיך פריהער ניט ערקענט, מיין ליעב קינד? האָט ער געפרעגט.

זי האָט זיך פערטראַכט ווי זי וואָלט זיך געוואָלט וואָס דערמאָנען. „ווען?" האָט זי אַרויסגערעדט, פריהער? פריהער, ווען איהר האָט אייער הערץ וויא אייער שטוב פאַר מיר פערשלאָסען און מיר נור פיין און צער געמאַכט, האָב איך אייך ניט ערקענט. „קאָן דען מיין טרייער פעטער צו מיר אַזוי שלעכט זיין?" האָב איך מיך אַלץ געפרעגט. וואָס האָב איך איהם געטהון? ניין, איך האָב אייך ניט ערקענט מעהר... איצט, אַז איך זעה אייך נעבען מיר, אייער הערץ איז פאַר מיר ווידער אָפען און אייערע אויגען לאָזען נאָך פאַלען אַ וואַרעמען טהרער אויף מיינע אָבגעקירצטע יאָהרן... זעה איך ווידער מיין טרייען פעטער ר' שלמהן, ווי איך האָב איהם אַ מאָל געזעהן!...

— זיי ניט אין כעס אויף מיר, ליעב קינד! איך האָב נור דיין נוטס געמיינט

אִיךְ בִּין קֵיין מַלְאָךְ נִיט. יֶעדֶער מֶענְשׁ מוּז צוּהֶארן וָואס עֶלְטֶערֶע אוּנ קְלֵינֶערֶע זָאגֶען.

– דִי עֶלְטֶערֶע אוּנ קְלֵינֶערֶע אָבֶּער הָאבֶּען פֶּערְגֶעסֶן, אַז זֵיי זֶענֶען אַמָאל יוּנְג גֶעוֶועזֶן... הָאט זֵי אוֹיסְגֶעזִיפְצְט. אַךְ, וִויפִיעל פַּיין הָאבֶּען מִיר דִי עֶלְטֶערֶע אוּנ קְלֵינֶערֶע גֶעבְּרַאכְט! – טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אִין אִיהרֶע אוֹיגֶען בֶּעוִויזֶען, דִי לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ פֶּערְצוֹיגֶען אָבֶּער צוּ וֵויינֶען הָאט זִי קֵיין כֹּחַ גֶעהַאט אוּנ הָאט פוּן קְלֶעמוּנְג מֶעהר אַ וָוארְט נִיט אוֹיסְגֶערֶעדְט. גֶעהם זִיךְ נִיט צוּם הַארְצֶען, מַיין לִיעבּ קִינְד, פֶּערְגֶעס אִיצְט אַלֶעס. אִיצְט בִּיזְטוּ קְרַאנְק אוּנ בַּארְפְסְט זֶעהן גֶעזוּנְד צוּ וֶוערן! הָאט עֶר רִיהרֶענְד גֶעטְרֶאסְט.

– פֶּערְגֶעסֶען אַלֶעס, הֵייסְט אִיהר מִיר! הָאט זִי מִיט אַ שְׁוֶוערֶען זִיפְץ אַרוֹיס גֶערֶעדְט. אַךְ, אוּנ דָאס קְרַאנְקֶע בֶּעט מַיינְס... אוּנ דִי וואוּנְד דָא אִין הֶערְצֶען בַּיי מִיר? נֵיין, אִיךְ וֶועל בַּאלְד. בַּאלְד אוֹיךְ דָאס פֶּערְגֶעסֶען..... לֶערְנְט אָבֶּער אִיהר אוֹיךְ מַיינֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ אוּנ שְׁוֶועסְטֶערל, זֵייעֶר לִיעבֶּע שְׁוֶועסְטֶער פֶּערְגֶעסֶען! לֶערְנְט אַייעֶר פֶּערְשְׁטוֹיסֶענֶעם פְּלֶעמֶענִיק זַיין רָחֵל'עֶן פֶּערְגֶעסֶן! וִוי לַאנְג אִיךְ לֶעבּ נָאךְ קָאן אִיךְ נִיט פֶּערְגֶעסֶן, אַז דִיזֶע עֶלֶענְדֶע יְתוֹמִים'לֶעךְ וֶועלֶן נָאךְ עֶלֶענְדֶער בְּלֵייבֶּען אָהן מִיר... אַז משֶׁה'לֶע וֶועט וֵויינֶען אוּנ קְלָאגֶען אַז עֶר וֶועט מִיךְ שׁוֹין נִיט גֶעפִינֶען דָא!...

– דוּא רִיהרֶסְט זִיךְ אוֹיף צוּ פִיעל מַיין לִיעבּ קִינְד. גְלֵייבֶּער גָאר נִיט רֶעדֶען, וֶוער נוּר גֶעזוּנְד אוּנ מִיר וֶועלֶן אִין פְרֵיידֶען דֶערְמָאנֶען אַלְץ וָואס דוּ קָאנְסְט אִיצְט נִיט פֶּערְגֶעסֶען. אִיךְ גֶעה דַאוְונֶען, גָאט בֶּעטֶען פַאר דִיר, עֶר זָאל דִיר זַיין מַלְאָךְ רְפָאֵל שִׁיקֶען מִיט דֶער גוּטֶער רְפוּאָה.

– וֵויס נָאךְ דִי לִיעבֶּע מוּטֶער נִיט אַז אִיךְ בִּין אַזוֹי קְרַאנְק? הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט. אִיךְ בֶּעט אַייךְ, פֶּעטֶער. אֵיידֶער אִיהר גֶעהט דַאוְונֶען, טֶעלֶעגְרַאפִירְט צוּ אִיהר, זָאל זִי וָואס גִיכֶער מִיט דִי קִינְדֶער קוּמֶען. אִיךְ וִויל זִי נָאךְ זֶעהן, מְחִילָה בֶּעטֶען אוּנ אָנְקוּשֶׁען מַיינֶע יְתוֹמִים'לֶעךְ פַאר מַיין טוֹידְט. אוֹיךְ צוּ משֶׁה'לֶען טֶעלֶעגְרַאפִירְט, זָאל עֶר אוֹיךְ קוּמֶען גֶעזֶעגֶענֶען זִיךְ מִיט מִיר אוֹיף אַ לַאנְגֶע לַאנְגֶע צֵייט!...

– אִיךְ וֶועל אַלְץ טְהוּן, מַיין קִינְד, וִוי דוּ פֶּערְלַאנְגְסְט; נוּר גֶעזוּנְד זָאלְסְטוּ מִיר זַיין! עֶר אִיז דַאוְונֶען אַוֶועג. עֶר הָאט אִין דַאוְונֶען שְׁטַארְק גֶעוֵויינְט אוּנ אִיז פוּן בֵּית הַמִּדְרָשׁ נִיט אַרוֹיס בִּיז עֶר הָאט וִוידֶער מִיט אַ עוֹלָם יוּדֶען תְּהִלִּים גֶעזָאגְט. דֶער קְרַאנְקֶער מְשַׁנֶּה הַשֵּׁם גֶעוֶועזֶן אוּנ הָאט זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען פַאסְטֶען דֶעם טָאג. שִׁימֶעלֶע הָאט זַיין סְגוּלָה גֶעזָאגְט: עֶר, ר' שְׁלֹמֹה זָאל בַּיי דֶער קְרַאנְקֶער פּוֹעֵל זַיין, זִי זָאל אוֹיף זִיךְ גֶעהמֶען נִיט מֶעהר זִיךְ צוּ עַקְשֶׁנֶן וֶועגֶען דֶעם בֶּעשֶׁערְטֶען שִׁדּוּךְ. וֶועט זִי גֶעזוּנְד זַיין. אִיהם הָאבֶּען צוּגֶעהָאלְפֶען אוֹיךְ אַנְדֶערֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען פִיעל אַ זֶעלְבֶּע גֶעשִׁיכְטֶען דֶערְצֶעהלְט וואוּ אַזָא מִין נֶדֶר אִיז דִיא בֶּעסְטֶע רְפוּאָה גֶעוֶועזֶן. זֶעלְבְּסְט דֶער רַב פוּנ'ם שְׁטֶעדְטֶעל הָאט מַסְכִּים גֶעוֶועזֶן, אַז עֶס אִיז אַ יוֹשֶׁר אִיהר צוּ צוּרֶעדֶען צוּ דֶעם אוּנ מֶען הָאט אִיהם פוּן אַלֶע זֵייטֶען הָאפְנוּנְג גֶעגֶעבֶּן אַז נוּר דוּרְךְ דֶעם וֶועט זִי גֶערַאטֶעוֶועט וֶוערֶן. עֶר אִיז מִיט דֶער הָאפְנוּנְג צוּרִיק צוּ דֶער קְרַאנְקֶער גֶעלָאפֶען אוּנ הָאט זִי גֶעפוּנֶען וִויא הָאט נוּר וָואס דִיא מֶעדִיצִין אַיינְגֶענוּמֶען. דֶער דָאקְטָאר אִיז נָאךְ גֶעבֶּען אִיהר גֶעזֶעסֶען. ר' שְׁלֹמֹה הָאט אוֹיף אִיהם אִיצְט וִוי אוֹיף אַ שָׂטָן גֶעקוּקְט. עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אִין

זַיין גֶעוָוארְנְט דֶער קְרַאנְקֶער דִיא נוּטֶע רְפוּאָה זַיינֶע צוּ צוּטְרָאגֶען וָועלְכֶע עֶר הָאט פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ גֶעבְּרַאכְט.

וויא גָאט אִיז אַייךְ לִיעבּ, לָאזְט זִיא רוּהִיג לִיגֶען, הָאט דֶער דָאקְטָאר מֶעהרֶערֶע מָאל גֶעבֶּעטֶען, אִיהר גַאנְצֶע קְרַאנְקְהֵייט אִיז נוּר אוּנְרוּהֶע, קְלֶעמוּנְג אוּנְ פֶערְדְרוּס וָואס דוּרְךְ דֶעם אִיז אִיהר הֶערְץ צוּ קְלֶעמוּנְג זֶעהר גֶעוֵוייְנְט אוּנ אִיהרֶע נֶערְוֶוען זֶענֶען אַזוֹי צוּרִיהרְט אוּנ אָבְּגֶעשְׁוַואכְט אַז דִי מִינְדֶעסְטֶע נַייֶע פֶערְדְרוּס קָאן זִי טוֹיטֶען.. קוֹים אָבֶּער אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען הָאט זִיךְ ר' שְׁלמה צוּרִיק גֶעגֶעבֶּען בֶּעט אֵיוֶועגְגֶעזֶעטְצְט אוּנ אָבְּגֶעוַוארְט דִי מִינוּט וָוען רָחֶל'ע וָועט דִי אוֹיגֶען אֶפֶענֶען אוּנ ווִידֶער אָנְהֵייבֶּען רֶעדֶען. עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען ווִי עֶס צוּקְט אִיהר יֶעדֶעס גְלִיד אוּנ הָאט זִיךְ אִיהרֶע יִסוּרִים גֶעוואוּנְשֶׁען נוּר זִי זָאל גֶעזוּנְד זַיין. נָאךְ אַ גַאנְצֶע שְׁטוּנְדֶע שְׁלָאפֶען הָאט זִיא ווִידֶער דִי אוֹיגֶען גֶעאֶפֶענְט.

– אִיךְ הָאבּ שׁוֹין צוּ דַיין מַאמֶען אַ דֶעפֶּעשֶׁע גֶעקְלַאפְּט. רָחֶל'ע, הָאט עֶר זֶעהר פַארְזִיכְטִיג אָנְגֶעהוֹיבֶּען, הַלְוַאי זָאל זִי קוּמֶען אוּנ גֶעפִינֶען דִיךְ אַז דוּ בֶּעסֶערְסְט זִיךְ שׁוֹין.

– אוּנ צוּ מֹשֶׁה'לֶען? הָאט זִי שְׁטִיל אוֹיסְגֶערֶעדְט.

– צוּ אִיהם אוֹיךְ, זָאל עֶר קוּמֶען. וָואס קָאן עֶר קַאלְיֶע מַאכֶען? הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט, עֶר וִויל בְּוַדַאי דוּ זָאלְסְט גֶעזוּנְד זַיין!

זִי אִיז ווִידֶער אַ פֶערְטְהֵייל שָׁעָה שְׁטִיל גֶעלֶעגֶען אוּנ עֶר הָאט קֵיין הֶערְץ גֶעהַאט מִיט אִיהר צוּ רֶעדֶען אוּנ הָאט אַלֵיין נִיט גֶעפִיהלְט ווִי זַיינֶע טְהרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער זַיינֶע אַיינְגֶעפַאלְבְּטֶע בַּאקֶען גֶעקוֹיקֶעלְט.

– מַיין לִיעבֶּער פֶעטֶער, הָאט זִי אוֹיסְגֶערֶעדְט, אַז זִי הָאט זַיינֶע שְׁטִילֶע טְהרֶערֶען בֶּעמֶערְקְט, ווֵיינְט נִיט, אַייעֶרֶע טְהרֶערֶען פַאלֶען ווִי שְׁטֵיינֶער שְׁוֶוערֶע אוֹיף מַיין הֶערְצֶען... אָ, דָאס הֶערְץ מַיינְס אִיז שׁוֹין אַזוֹי אוֹיךְ שְׁוֶוערֶער ווִי מַיינֶע כֹּחוֹת זֶענֶען נָאךְ אִיצְט!

– דָאס הַארְץ צוּגֶעהט אִין מִיר ווִי וַואסֶער, אַז אִיךְ זֶעה דִיךְ אַזוֹי קְרַאנְק, אַזוֹי לַיידֶענְד, מַיין לִיעבּ קִינְד... אִיךְ פִיהל אַלֵיין נִיט ווִי מַיינֶע טְהרֶערֶען גִיסֶען זִיךְ.

– נִיט פִיעל נָאךְ, וֶועל אִיךְ אַזוֹי לַיידֶען, לִיעבֶּער פֶעטֶער!...

– זָאג מִיר, מַיין לִיעבּ קִינְד, הָאפְסְטוּ גָאר גִיט גֶעזוּנְד צוּ וֶוערן? ווִילְסְטוּ שׁוֹין גָאר נִיט לֶעבֶּען? דוּ הָאסְט דָאךְ נָאךְ נָאר נִיט גֶעלֶעבְּט אוּנ פוּן לֶעבֶּען נָאךְ גָאר קֵיין הֲנָאָה גֶעהַאט, אִיז דִיר דֶען דִיא וֶועלְט וֶוען מִאוּס גֶעוֶועזֶן. –

– נֵיין פֶעטֶער, הָאט זִי מִיט אַ זִיפְץ גֶעאֶנְטְוֶוערְט. דִיא וֶועלְט אִיז מִיר אַלֶע מָאל שֵׁאן אוּנ לִיעבּ גֶעוֶועזֶן... דִיא לִיכְטִיגֶע זוּנְן הָאט ווִי אִין מַיינֶע אוֹיגֶען אוֹיךְ אִין מַיין הֶערְצֶען אַרַיינְגֶעשַׁיינְט אוּנ אִיךְ הָאבּ גָאט גֶעדַאנְקְט וֶוען אִיךְ הָאבּ מַיינֶע אוֹיגֶען פֶערְמַאכְט אוּנ זֵיי ווִידֶער גֶעאֶפֶענְט. אָ, אִיךְ הָאבּ אִין נָאטְס וֶועלְט ווִי אִין אַ גַן עֵדֶן גֶעלֶעבְּט; אִיךְ הָאבּ אָבֶּער נִיט גֶעווּאוּסְט אַז נָאךְ הַיינְט אִיז נָאךְ אִין גַן עֵדֶן דִי שְׁלַאנְג דָא.... נִיט מִיךְ פֶעטֶער, הָאט זִי גֶעבִּיסֶען, אִיךְ הָאבּ נָאטְס גֶעבָּאט גֶעהִיט, אִיךְ הָאבּ זִיא זָעלְבְּסְט נִיט אָנְגֶעזֶעהֶן; אָבֶּער יֶענֶע הֶערְצֶער הָאט זִיא פֶערְגִיפְטֶעט וֶועלְכֶע זֶענֶען מִיר טְבַיי גֶעוֶועזֶן אוּנ דִי הָאבֶּען מִיךְ אוּנְגֶערְן פוּן מַיין גַן עֵדֶן אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, אוֹיף דֶעם בֶּעט מִיךְ אַוֶועגְגֶעלֶעגְט אוּנ מַיין וֶועלְט מִיר מִאוּס, מִיר פִינְסְטֶער גֶעמַאכְט... גָאט זָאל עֶס זֵיי מוֹחֵל זַיין!

– אָבֶּער דִיא װֶעלְט װֶעט דִיר בַּאלְד צוּרִיק אַ נַּן עֶדֶן װֶערְן, מַיין לִיעבּ קִינְד! הָאסְט עֶר גֶעטְרָאסְט, וַויל נוּר לֶעבֶּען אוּנ אַ הֲנָאָה הָאבֶּען פוּן דֶער לִיכְטִיגֶער װֶעלְט!

– פֶּעטֶער, פַּײגֶע הָאט זִיבְּצִיג יָאהר גֶעלֶעבְּט. זִי װָאלְט נָאךְ אוֹיךְ לֶעבֶּען גֶעוָאלְט װֶען נָאט װָאלְט אִיהר דָאס לֶעבֶּען נָאךְ גֶעשֶׁענְקְט; מִיר אִיז עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג אַבְּגֶעצֶעהן יָאהר גֶעוָוארן, פַּאר װָאס זָאל מִיר זִיךְ נִיט װֶעלן לֶעבֶּען? אָבֶּער גָאט וִויל נִיט מֶעהר!

– גָאט וִויל דוּא זָאלְסְט לֶעבֶּען, הָאט עֶר וִוי אִיבֶּערְצַײגְט פֶערְזִיכֶערְט, וְויל נוּר דוּא זַיין וִוילֶען טְהוּן... אִין דַיין הֶערְצֶען אִיז אִיצְט דִי בְּרֵירָה, אִין דַיין אֵיין װָארְט װָאס דוּ װֶעסְט מִיט אֱמֶת אַרוֹיסְרֶעדֶען אִיז דִיא רְפוּאָה דַיינֶע, מַיין קִינְד! גָאט שְׁטֶעהט דָא בַּיי דִיר צוּקָאפֶּענְס, עֶר קוּמְט יֶעדֶען קְרַאנְקֶען מְבַקֵר חוֹלֶה זַיין, קֶעהְרְצוּ דַיין הָערְץ צוּ אִיהם אוּנ גֶעהם אוֹיף זִיךְ אַ נֶדֶר: װֶען דוּ װֶעסְט גֶעזוּנְד װֶערְן װֶעסְטוּ זַיין וִוילֶען טְהוּן. מְחִילָת בֶּעטֶען דַיין חָתָן װָאס עֶר הָאט דִיר בֶּעשֶׁערְט, מִיט אִיהם חֲתוּנָה הָאבֶּען אוּנ אוֹיסְלֶעבֶּען דַיינֶע הוּנְדֶערְט צְוַואנְצִיג יָאהר וִוי אַ פְּרוּמֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער. װֶעסְטוּ זֶעהן, מַיין קִינְד, וִוי גִיךְ דַיין רְפוּאָה װֶעט קוּמֶען!

פוּן צוּהִיטְצְקֵייט הָאט עֶר נִיט בֶּעמֶערְקְט וִוי אִיהר גֶעזִיכְט הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען אוּנ וִוי דוּרךְ אִיהר נַאנְצֶען װֶעזְן הָאט אַ הֶעפְטִיגֶעס צִיקֶען דוּרְכְגֶעצוֹיגֶען.

– װָאס שְׁװַײגְסְטוּ, מַיין טָאכְטֶער? אִיז נָאךְ נִיט צַייט דִיר צוּ פֶערְשְׁטֶעהן אַז גָאט שְׁטְרָאפְט דִיךְ נוּר פַאר דַיינֶע עַקְשָׁנוּת?... אָ, מַיין קִינְד, הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף זִיךְ, דוּ בִּיזְט נָאךְ אַזוֹי יוּנְג, דוּ קָאנְסְט נָאךְ אַזוֹי פִיעל גוּטְס דֶערְלֶעבֶּען... רַחֲמָנוּת הָאבּ אוֹיף זִיךְ אוּנ אוֹיף אוּנְז אַלֶעמֶען, טְהוּ זַיין וִוילֶען, עֶר װַארְט דָא בַּיין תְּשׁוּבָה צוּ צוּנֶעהמֶען אוּנ דִיר דִיא רְפוּאָה צוּ גֶעבֶּען!

– כּחַ גִיבּ מִיר גָאט! הָאט זִי מִיט אַלֶע אִיהרֶע כּחוֹת אוֹיסְגֶערֶעדְט, דוּא שְׁטִיטְצְט יֶעדֶען קְרַאנְקֶען אוֹיף זַיין קְרַאנְקֶען בֶּעט. שְׁטִיץ מִיךְ אוֹיךְ, פֶּעטֶער, אוּנ זַיי אִיהם מוֹחֵל מַיינֶע זִינְדִיגֶע רֵייד גֶעגֶען דִיר!... פֶּעטֶער, וִוי הָאט אִיהר קֵיין מוֹרָא נִיט, דֶעם לִיעבֶּען גָאט פַאר אַ שׁוּתָּף צוּ צוּנֶעהמֶען אִין דִי זִינְדִיגֶע מַעֲשִׂים װָאס אִיהר הָאט מִיר בִּיז אִיצְט גֶעגֶען זַיין וִוילֶען גֶעטְהוּן? אִיךְ בִּין אַייךְ אַלְץ מוֹחֵל, פֶּעטֶער... נוּר לָאזְט מִיךְ שְׁטַארְבֶּען רוּהִיג. אָ, אִיךְ הָאבּ אַ לִינֶען גֶעזָאגְט, אִיךְ וִויל נִיט לֶעבֶּען, אִיךְ וִויל נִיט, פֶּעטֶער גֶעטְרַייעֶר!...

טְהרֶערְן הָאבֶּען זִיךְ פוּן אִיהרֶע גֶעשָׂאסֶען נוּר דֶער טְרַייעֶר פֶּעטֶער הָאט זֵיי נִיט גֶעזֶעהן. עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט בֶּעמֶערְקְט וִוי אַ הֶעפְטִיגֶער קְרַאמְפְּף הָאט אִיהר לִיעבּ גֶעזִיכְט פֶערְצוֹיגֶען אוּנ אִיהרֶע דוּמְפֶּפֶע קְרֶעכְצֶען נִיט גֶעהֶערְט; עֶר אִיז נוּר וִוי צוּמִישְׁט גֶעזֶעסֶען. דָאס הֶערְץ הָאט אִיהם װֶעה גֶעטְהוּן אוֹף אִיהר פֶעפִיהרְטְקֵייט מֶעהר וִויא אוֹיף אִיהר קְרַאנְקְהֵייט. דְבוֹרָה אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּנ הָאט אִיהם אַ װַײנֶענְדֶען גֶעפוּנֶען.

– מִיט דַיין הִיטֶען אִיהר נְשָׁמָה װֶעסְטוּ זִי נִיט אַיינְהִיטֶען. הָאט זִי גֶעזָאגְט אַז זִי הָאט רָחֵלֶ'ען וִוידֶער אִין אַ זֶעלְכֶע הֶעפְטִיגֶע שְׁמֶערְצֶען דֶערְזֶעהן. לוֹיף בֶּעסֶער צוּם בֵּית עוֹלָם, װֶעק אוֹיף אִיהר טְרַייעֶן זֵיידֶען פוּן זַיין קֶבֶר. טָאמֶער װֶעט עֶר דַיינֶע טְהרֶערְן דֶערְזֶעהן אוּנ װֶעט אוֹיסְבֶּעטֶען יָאהרְן פַאר זַיין טְהַייעֶר עֶנִיקֶעל. אָ, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶענוּג טְהרֶערְן אוֹיף זַיין קֶבֶר פֶערְגָאסֶען.

– װָאס װֶעלן אִיהר מַיינֶע טְהרֶערְן הֶעלְפֶען, אַז זִי וִויל אַלֵיין נִיט גֶעהָאלְפֶען

וָוערן? הָאט עֶר וִוי אַ פֶערְצְוֵוייפֶעלְטֶער גֶעאֶנְטְוָוערְט! אִיךְ הָאבּ אִיהר דִיא אֶמֶתֶע רְפוּאָה גֶעבְּרַאכְט, אִיהר דִי בְּרֵירָה גֶעגֶעבֶּען אוּנ זִי הָאט נָאךְ אַזַא לֵב גֶעהַאט דִיא רְפוּאָה מְמַאֵס צוּ זַיין. בֶּעסֶער שְׁטַארְבֶּען, זָאגְט זִי. אֵיידֶער תְּשׁוּבָה צוּ טְהוּן אוֹיף אִיהרֶע נַארִישֶׁע עַקְשָׁנוּת! ... מִיר הָאבֶּען זִי פֶערְלָארְן, דְבוֹרָה, פֶערְלָארְן אוּנזֶער טְהַייעֶר קִינְד פוּן בֵּיידֶע וֶועלְטֶען — דָארְט קָאן אַזַא אוֹיךְ קֵיין תְּקוּמָה נִיט הָאבֶּען! ...

— עֶר אִיז פוּן זִינֶען אַרָאפּ! עֶר הָאט אִיהר אַ וַדַאי אִיהרֶע צָרוֹת דֶערְמָאנְט. זַאלְץ אוֹיף אִיהרֶע וואוּנְדֶען גֶעשָׁאטֶען ... נִיט גֶעדַאכְט זָאל אַזַא נַאר וָוערן; אַ נַאר אִיז אֶרְגֶער וִוי אַ רָשָׁע, אֶרְגֶער, אֶרְגֶער! ... הָאט זִי גֶעשְׁרִיעֶן, שָׁאמֶען דַארְפְסְטוּ דִיךְ, אַז נָאךְ אִיצְט, וֶוען דֶער חַלָף לִיגְט שׁוֹין אוֹיפ'ן הַאלְז וֶועהסְטוּ נָאךְ דֶעם שׁוֹחֵט נִיט! ר' פִּנְחָסל אִיז אִיהר קוֹילֶער אוּנ דוּ בִּיזְט זַיין שָׁלִיחַ! ... וָואס הָאבֶּען מִיר צוּ אִיהר גֶעהַאט? וָואס הָאבֶּען מִיר פוּן אִיהר גֶעוָואלְט? וֶוען הָאט זִי גֶעבֶּעטֶען דוּ זָאלְסְט אִיהר גֶעטְרַייעֶר זַיין וִוי זִי אִיז זִיךְ אַלֵיין? ר' פִּנְחָס'ל הָאט דִיךְ גֶעהֵייסֶען וַוייל חַייעֶ'לֶע הָאט אַזוֹי גֶעוָואלְט אוּנ חַייעֶ'לֶע הָאט אַזוֹי גֶעוָואלְט וַוייל פִּנְחָס'ל הָאט אַזוֹי גֶעהֵייסֶען! ... אוֹי אַלְטֶער נַאר וֶוען וֶועסְטוּ צוּם שֵׂכֶל קוּמֶען?! ...

עֶר הָאט זַיין וַוייבּ אָנְגֶעקוּקְט וִויא עֶר וָואלְט זִיא נִיט דֶערְקֶענְט.

— גֶעה, זָאג אִיךְ דִיר, הָאט זִי וַוייטֶער גֶעשְׁרִיעֶן, זַיי זִיךְ מִתְוַדֶה פַאר דַיין גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם פָאטֶער וָואס דוּ הָאסְט זַיין רָצוֹן נִיט גֶעטְהוּן, שְׁלָאג זִיךְ אָשַׁמְנוּ פַאר דַיין טוֹיטֶען בְּרוּדֶער ר' רְאוּבֵן, וָואס דוּ הָאסְט זַיין קִינְד פֶערְשְׁטוֹיסֶען. וֵויין פַאר דִיא טוֹידְטֶע טָאטֶער וֶועט דִיךְ אִיהר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער פָאטֶער, ר' לֵייזֶער, פוּן עַייטָען צוּהֶארְן אוּנ וֶועט פַאר זַיין קִינְד בֶּעטֶען! ....

עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹבֶּען אוּנ נִיט וִויסֶענְדִיג וָואס אַנְדֶערְס צוּ טְהוּן אִיז עֶר גְלַייךְ צוּם בֵּית עוֹלָם אַוֶועק. זַיין דְבוֹרָה'ס וֶוערְטֶער אָבֶּער הָאבֶּען אִיהם נָאכְגֶעיָאגְט אוּנ וִויא פוּן זַיין אֵיינֶענֶעם הֶערְצֶען הָאט אַ קוֹל אַרוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן: "ר' פִּנְחָס'ל אִיז אִיהר שׁוֹחֵט אוּנ דוּ בִּיזְט זַיין שָׁלִיחַ! ..." בַּיי'ם פַארְקַאן פוּן בֵּית עוֹלָם אִיז עֶר שְׁטֶעהן גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ הָאט אוֹיף דֶעם טְרוֹיעֶרִיגֶען פֶעלְד אַרוֹיפְגֶעקוּקְט. אִין רֶעכְטֶען אוֹיבֶּענְאָן, אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער שׁוּרָה הָאט זִיךְ אֵיין מַצֵבָה אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט הָאכֶער אוּנ שֶׁאנֶער פַאר אַלֶע אַנְדֶערֶע. עֶר הָאט פוּן וַוייטֶען נִיט גֶעקָאנְט לֶעזֶען דִיא וֶוערְטֶער אָבֶּער דִי צְוֵויי אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְטֶע דוּכֶענִ-הֶענְד אוֹיף אִיהר הָאט עֶר קְלָאר גֶעזֶעהן אוּנ הָאט זַיין פָאטֶערְס מַצֵבָה דֶערְקֶענְט. זַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען פוּן טְהרֶערן פֶערְנָאסֶען גֶעוָוארן אוּנ אַנְשְׁטָאט דֶעם שְׁטֵיין הָאט אִיהם גֶעדַאכְט: עֶר זֶעהט זַיין פָאטֶער, עֶר הַאלְט דִי הֶענְד אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער דִיא יוּנְגֶע בּוֹימֶעלֶעךְ וָואס וַואכְסֶען דָא נֶעבֶּען זַיין קֶבֶר. אִיהם הָאבֶּען זִיךְ יֶענֶע יָאהרֶן דֶערְמָאנְט, וֶוען דֶער אַלְטֶער פָאטֶער זַיינֶער הָאט אַזוֹי זַיינֶע הֶענְד אוֹיף דִיא יוּנְגֶע קֶאפֶּעלֶעךְ פוּן זַיינֶע שֶׁאנֶע לִיבֶּע עֶנִיקְלֶעךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט גֶעהַאלְטֶען יֶעדֶען פְרַייטָאג צוּ-נַאכְט, וִוי לִיבּ הָאבֶּען דִי קִינְדֶער דֶעם זֵיידֶענְס הֶענְד גֶעקוּשְׁט, וִוי הֵיילִיג אוּנ פָארְ-נֶעהם הָאט זַיין גֶעזִיכְט גֶעשַׁיינְט נֶעבֶען דִיא שַׁבָּת גֶעבֶּענְשְׁטֶע לִיכְט אִין דִי גְרוֹיסֶע שְׁוֶוערֶע זִילְבֶּערְנֶע לַייכְטֶער! אוּנ וָואס הָאט דֶער גוּטֶער זֵיידֶע זִיךְ גֶעוואוּנְשֶׁען בַּאמָאלְס? נִיט קֵיין כָּבוֹד, נִיט קֵיין גְדוּלָה, וָואס הָאט אִיהם נִיט גֶעפֶעהלְט, נוּר דִי שָׁעָה צוּ דֶערְלֶעבֶּען, דִיזֶע יוּנְגֶע צְוַויינֶעלֶעךְ, מְשַׁהלֶען מִיט רָחֵלֶען אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה אַזוֹי זַיי

צוּ בֶּענְשֶׁען אוּנ דֶערְנָאךְ שְׁטַארְבֶּען אַ גְלִיקְלִיכֶער. — אוּנ וָואס הָאט זִיךְ אִיהר טַאטֶע גֶעוואוּנְשֶׁען אוּנ וָואס הָאט עֶר אִין זַיין צַוָואָה גֶעבֶּעטֶען? אַךְ, אִיךְ הָאבּ נִיט נוּר גֶענֶען דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע אָבֶּער אוֹיךְ גֶענֶען דִיא טוֹידְטֶע גֶעזִינְדִיגְט... גֶעזִינְדִיגְט! ... חָטָאתִי עָוִיתִי וּפָשַׁעְתִּי! ....

„פָּאטֶער גֶעטְרַייֶער!" הָאט עֶר מִיט אַ טִיפֶען זִיפְץ אוֹיסְגֶעשְׁרִיגֶען, „זָאל אִיךְ אַלֵיין דֶער קָרְבָּן זַיין פַאר מַיינֶע זִינְד. וָואס אִיז רָחֶעלֶ'ע דַיין טְהַייעֶר עֶנִיקֶל שׁוּלְדִיג? זָאל זִיא גֶעזוּנְד זַיין, זָאל דַיין ווִילֶען גֶעשֶׁעהֶן, אִיךְ וֶועל מֶעהר קֵיינֶעם נִיט הָארֶן, אַלֵיין וֶועל אִיךְ זִיי צוּ דֶער חוּפָּה פִירֶען אוּנ דֶערְנָאךְ וֶועל אִיךְ רוּהִיג שְׁטַארְבֶּען!..." פְּלוּצְלוּנְג הָאבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען דֶערְזֶעהֶן דָאס לֶעדִיג גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטִיקֶעל פְּלַאטְץ נֶעבֶּען דֶעם קֶבֶר. אַ פְּרָאסְט אִיז אִיהם אִיבֶּער'ן גַאנְצֶען קָארְפֶּער אַרִיבֶּער. „מַיין בְּרוּדֶער לֵייזֶער הָאט דֶעם אָרְט פַאר זִיךְ אָבְּגֶעקוֹיפְט אוּנ לִיגְט נֶעבִּיךְ אַלֵיין אִיצְט וַוייט פוּן דַאנֶען, דֶער אָרְט אִיז לֶעדִיג גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ וַוארְט אֶפְשָׁר אַז מַיין לִיעבּ קִינְד זָאל אִיהם פַארְנֶעהמֶען ... זַיי מוֹחֵל, בְּרוּדֶער גֶעטְרַייעֶר, שֶׁענְק מִיר דֶעם אָרְט, אִיךְ הָאבּ מֶעהר גֶעלֶעבְּט פַאר דַיין קִינְד! יָאהרֶן בֶּעט אוֹיס פַאר אִיהר, דַיין צַוָואָה זָאל עֶרְפִילְט וֶוערְן!" אִין אַזֶעלְכֶע הֶערְצֶענְקְלֶעמוּנְג הָאט עֶר אַלֵיין נִיט גֶעפִיהלְט ווִיפִיעל צַייט עֶר הָאט דָא אִין ווֵיינֶען אוּנ בֶּעטֶען פֶערְבְּרַאכְט. אַז דִיא זוּנְ הָאט זִיךְ אַרָאבְּגֶעלָאזְט אוּנ מִיט אִיהרֶע לֶעצְטֶע שְׁטְרַאהלֶען נָאךְ דָאס טְרוֹיעֶרִיגֶע פֶעלְד בֶּעלַייכְטֶעט, הָאט עֶר זִיךְ דֶערְמָאנְט: עֶר הָאט נָאךְ קֵיין מִנְחָה גֶעדַאוֶונְט אוּנ אִיז בַּאלְד צוּ צוּם טַייכֶעל, דִי הֶאנְד גֶעוואשֶׁען אוּנ דָא אוֹיפ'ן פֶעלְד זִיךְ דַאוְונֶען גֶעשְׁטֶעלְט; אָבֶּער וֶועלְכֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען זִיךְ אִין זַיין קָאפּ גֶעמִישְׁט. ר' פִּנְחָסֶ'ל מִיט זַיין רוֹיטֶען קַארְק עֶסְט אוּנ טְרִינְקְט ווִיא אַ זוֹלֵל וְסוֹבֵא, ר' זַלְמֶנְ'קֶע שְׁרַייט: „פֶּע עַצְבוֹת, עַצְבוּת אִיז עֲבוֹדָה זָרָה!" חַייעֶלֶ'ע, אִין גַאנְצֶען אִין צִיערוּנְג אַיינְגֶעדֶעקְט אוּנ שַׁיינְט פוּן פְרֵייד אוּנ גְדוּלָה אוּנ דָא דִי אֵיינְזַאמֶע שְׁטִילֶע קְבָרִים פוּן דֶער אוּנְטֶערְגֶעהֶענְדֶער זוּנְ בֶּעלַייכְטֶעט, אוּנ דָארְט דָאס קְלֵיין שְׁטִיבֶּעלֶע מִיט דֶעם אֵיינְפַאכֶען אָרֶעמֶען בֶּעטֶעל, אוֹיף וֶועלְכֶען דָאס נָאלְדֶען קִינְד רָחֶלֶ'ע לִיגְט אוּנ מוּטְשֶׁעט זִיךְ, נִיט אִין אִיהר טַאטֶענְס הוֹיז לִיגְט זִיא, נִיט אִיהר מוּטֶער זִיצְט נֶעבֶּען אִיהר... אוּנ ווִי בֶּעט זִי זִיךְ נֶעבִּיךְ מֶען זָאל זִי רַאטֶעווֶען! ... אִיהם דַאכְט, עֶר הֶערְט זִיא שְׁרַייט: „פֶּעטֶער, הָאט שׁוֹין רַחֲמָנוּת, וָואס בִּין אִיךְ שׁוּלְדִיג אַז אִיךְ קָאן נִיט אַיינְווִילִיגֶען וָואס מִיר אִיז נִיט לִיעבּ? אִיךְ קָאן פָארְט קֵיין לִיגֶען זָאגֶען! הָאט דֶען מַיין זֵיידֶע מִיר אַנְדֶערְשׁ גֶעוואוּנְשֶׁען? הָאט דֶען מַיין לִיעבֶּער פָּאטֶער נִיט אַזוֹי אִין זַיין צַוָואָה גֶעבֶּעטֶען? זָאגְט שׁוֹין אַמָאל אַז אִיךְ בִּין מְשֻׁהְלֶעם וֶועל אִיךְ לֶעבֶּען. אָ, אִיךְ ווִיל נָאךְ לֶעבֶּען, מִיר אִיז עֶרְשְׁט אַכְצֶעהן יָאהר גֶעוָוארְן, פֵייגֶע אִיז עֶלְטֶער גֶעוֶוועזֶען אוּנ הָאט אוֹיךְ נִיט גֶעוָואלְט שְׁטַארְבֶּען!"

עֶר אִיז שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנ הָאט אֵיין אֵיינְצִיגֶעם וָוארְט נִיט גֶעפִיהלְט, נִיט גֶעהֶערְט וָואס עֶר הָאט גֶעדַאוֶונְט. לוֹיפֶענְדִיג אִיז עֶר צוּרִיק צוּ דֶער קְרַאנְקֶער גֶעקוּמֶען, שָׂרֶה'לֶע אִיז נֶעבֶּען אִיהר גֶעזֶעסֶן. „זִיא לֶעבְּט, שָׂרֶה'לֶע ? הָאט עֶר אוֹיסְגֶערֶעדְט, אַ בִּי זִיא לֶעבְּט! גָאט קָאנְ נָאךְ אַנֶס טְהוּן אוּנ מִיךְ זִינְדִיגֶען פֶּעטֶער צוּגֶעהמֶען פַאר אִיהר רֵיינֶער נְשָׁמָה! זִיצְט דָא שָׂרֶה'לֶע, גֶעבֶּען אַ הֵיילִיגֶער, אַ פְרוּמֶער זִיצְט אִיהר! גָאט וַואכְט אוֹיךְ אִיבֶּער אִיהר בֶּעט. זִיצְט דָא, אִיךְ לוֹיף בֶּעטֶען,

שְׁרַייֶען פַאר אִיהר, זָאלֶען אַלֶע וִויסֶען אַז אִיבֶּער מַיינֶע זִינְד לַיידְט זִיא!" מִיט דִיא וָוארְטֶער אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען גְלַייךְ צוּם שׁוּל. דוּרְכְלוֹיפֶענְדִיג צְוִוישֶׁען דִי קְרָאמֶען הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן: לָאם מִיר זִי בַּאטֶעוֶוען, יוּדִישֶׁע קִינְדֶער, הֶעלְפְט מִיר גָאט בֶּעטֶען פַאר אִיהר, גוּטֶע פְרַיינְד, וָואס וַוייסְט אִיהר וָואס פַאר אַ פְרוּם קִינְד זִי אִיז! הָאט רַחֲמָנוּת בַאטֶעוֶועט זִי, בֶּעט גָאט פַאר אִיהר, יוּדִישֶׁע קִינְדֶער!...

דִיא וָוארְטֶער פוּן דֶעם פֶערְצְוֵוייפֶעלְטֶען אַלְטֶען מַאן אוּנ דִי הֶערְצְרַייסֶענְדֶע שְׁטִימֶע מִיט וֶועלְכֶער עֶר הָאט אִין דִי גַאסֶען גֶעשְׁרִיעֶן הָאבֶּען אַ שְׁרֶעקְלִיךְ טְרוֹיעֶרִינֶען אַיינְדרוּק גֶעמַאכְט אוּנ וֶוער נוּר עֶס הָאט זַיי גֶעהֶערְט הָאט זַיין קְרָאם פֶערְמַאכְט אוּנ אִיז אִין שׁוּל מִיט אִיהם גֶעלָאפֶען תְּהִלִּים זָאגֶען. אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג פוּן שׁוּל הָאבֶּען אִיהם פִיעל בַּיי שְׁוָּרהֶלֶעם שְׁטִיבֶּעלֶע בֶּעגְלַייט אוּנ דָא גֶעוַוארְט אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה צוּ הֶערֶן אַז דִי קְרַאנְקֶע בֶּעסֶערְט זִיךְ. מֶען הָאט גֶעהָאפְט אַז אַזַא שְׁטוּרֶעם מוּז דָארְט אוֹיבֶּען אַ זוֹיסֶען רוֹשֶׁם מַאכֶען... נוּר דִי קְרַאנְקֶע הָאט אַ פַיינְפָאלֶע נַאכְט אִיבֶּערְלִיטֶען אוּנ זֶעלְבְּסְט אִין דֶער פְרִיה, אַז זִי הָאט שׁוֹין אִיהרֶע אוֹיגֶען גֶעאֶפֶענְט אִיז זִי אַזוֹי שְׁוַואךְ גֶעוֶועזֶען אַז זִיא הָאט אַ וָוארְט נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְרֶעדֶען. ר' שְׁלֹמה אִיז נֶעבֶּען אִיהר גֶעזֶעסֶן אוּנ הָאט קֵיינֶעם נִיט צוּגֶעלָאזֶען. זִי הָאט זַיינֶע טְהרֶערֶן גֶעזֶעהֶן, זַיין שְׁטִיל בֶּעטֶען צוּ גָאט, עֶר זָאל אִיהם צוּנֶעהמֶען פַאר אִיהר — גֶעהֶערְט, זִי הָאט אוֹיךְ זַיינֶע הֵייסֶע קוּשֶׁען אוֹיף אִיהרֶע הֶאנְד גֶעפִיהלְט אוּנ רַחֲמָנוּת אוּנ צַעַר הָאבֶּען אִיהר הֶערְץ גֶעפַּיינִיגְט.

— פֶּעטֶער, הָאט זִי אוֹיסְגֶערֶעדְט, פַאר וָואס בִּין אִיךְ אַזַא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע? הָאבּ אִיךְ לֶעבֶּען גֶעוָואלְט הָאט מֶען מִיר דָאס לֶעבֶּען מִאוּס גֶעמַאכְט אוּנ אִיךְ הָאבּ אַלֵיין צַעַר גֶעהַאט, וַויל אִיךְ אִיצְט שְׁטַארְבֶּען, בֶּעפְרַייט וֶוערֶן פוּן מַיין אוּנְטֶערְטְרֶעגְלִיכֶען לֶעבֶּען — הָאבֶּען מַיינֶע לִיעבֶּע צַעַר אוּנ מַאכֶען מִיר דֶעם טוֹידְט נָאךְ בִּיטֶערֶער וִוי עֶר אִיז!... זָאגְט מִיר, פֶּעטֶער לִיעבֶּער, בִּין אִיךְ וִוירְקְלִיךְ אַזוֹי זִינְדִיג, אַז גָאט שְׁטְרָאפְט מִיךְ אַזוֹי? אִיךְ וֵוייס עֶס נִיט... אִיךְ הָאבּ אִימֶער מַיין זִינְד גֶעזוּכְט, אִיךְ הָאבּ זִי נָאךְ אִיצְט נִיט גֶעפוּנֶען. אָ, זָאל גָאט מַיין וִדּוּי הֶערֶן... קֵיין אַנְדֶערֶע קָאן אִיךְ נִיט זָאגֶען!...

— מַיין לִיעבּ קִינְד, מַיין פְרוּם קִינְד, הָאט עֶר גֶערִידְהרְט גֶעאֶנְטְוֶוערְט, גָאט הֶערְט דַיין רֵיינֶע וִדּוּי. אַזַא וִדּוּי וִוי דַיינֶע מֶאג זִיךְ דֶער גְרֶעסְטֶער צַדִּיק וִוינְשֶׁען!... דוּ בִּיזְט גֶערֶעכְט — רֵיין וִוי דֶער וַוייסֶער שְׁנֵיי אִיז דַיין יוּנְג הַארְץ אוּנ דַיינֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען אַזוֹי שֶׁאן וִוי דִי גֶעדַאנְקֶען דַיינֶע!. צוּ דִיר הָאט דִי שְׁלַאנְג נִיט גֶעקָאנְט צוּטְרֶעטֶען הָאט זִי מַיין הַארְץ אוּנ דָאס הַארְץ פוּן דַיין מוּטֶער פֶערְנִיפְטֶעט!" מִיר הָאבֶּען דִיךְ פוּן דַיין גַן עֵדֶן אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, וִוי דוּא אַלֵיין זָאגְסְט!... אִיבֶּער מַיינֶע זִינְד נוּר לַיידְסְט אַזוֹי פִיעל, מַיין קִינְד!... זַיי מִיר מוֹחֵל, מוֹחֵל זַיי דַיין שׁוֹחֵט וָואס הָאט דִיךְ קוֹילֶען גֶעוָואלְט אוּנ הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס עֶר טְהוּט!...

— פֶּעטֶער לִיעבֶּער, לָאזְט מִיךְ אַייעֶר הַאנְד קוּשֶׁען, הָאט זִי מִיט שְׁטְרַאהלֶענְדֶע אוֹיגֶען אַרוֹיסְגֶערֶעדְט, אִיךְ הָאבּ אַלֶע מָאל גָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר אַייךְ, אִיצְט דַאנְק אִיךְ אִיהם וָואס עֶר הָאט מַיין גֶעבֶּעט דֶערְהֶערְט אוּנ חָאטְשׁ אֵיין טָאג פַאר מַיין טוֹידְט, אַייעֶרֶע אוֹיגֶען גֶעאֶפֶענְט מַיין אֱמֶת צוּ דֶערְקֶענֶען, מַיין הֶערְץ צוּ פֶערְשְׁטֶעהְן!... אָ, אִיצְט וֶועט אִיהר מִיךְ, אִין מַיין טֵייטֶען וֶועג נִיט בֶּעגְלַייטֶען מֶעהר מִיט אַ קְלָלָה וִוי מֶען

בְּעֶנְלֵייט אַ פֶּערְשַׁיטָע שְׁלֶעכְטֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער .... מֶעהר הָאבּ אִיךְ אוֹיף מַיין קְרַאנְקֶען בֶּעט מִיר נִיט גֶעווּאוּנְשֶׁען ....
אִין דֶער מִינוּט אִיז שִׁימֶעלֶע אַרַיינְגֶעקוּמֶען, ר׳ שְׁלֹמֹה אִיז פוּן כַּעַס אָנְגֶעצוּנְדֶען גֶעוָוארְן. „אָט אִיז דִי שְׁלַאנְג דִי נִיפְטִינֶע, וָואס דוּא זָאנְסְט!״ הָאט עֶר אַ גֶעשְׁרֵייא גֶעטְהוּן אוּנ מִיט זַיין הַאנְד אוֹיף שִׁימֶעלְן גֶעוִויזֶען. „אַ שָׂטָן, אַ יֵצֶר הָרָע בִּיזְטוּ, אָבֶּער אִיהר מַלְאַךְ הַמָּוֶת וֶועסְטוּ נִיט זַיין! דִיר אוֹיף לְהַכְעִיס וֶועט זִי לֶעבֶּען אוּנ גֶעזוּנְד זַיין! וְואוּ גֶעהם אִיךְ דִיא תְּנָאִים? פַאר דִיר אִין דִי אוֹיגֶען וָואלְט אִיךְ דָא אוֹיף שְׁטִיקְלֶעךְ צוּ רַייסֶען אוּנ זֶעה דוּ רָשָׁע, אַז גָאט לָאזְט נִיט אַ מֶענְשֶׁען אֵייבִּיג בְּלִינְד זַיין!
שִׁימֶעלֶע אִיז וִוי אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶער גֶעשְׁטַאנֶען. עֶר אִיז אִין גְרוּנְד רָחֶלֶ׳ען קֵיין שׂוֹנֵא גֶעוֶועזֶן, אוּנ דָאס הֶערְץ הָאט אִיהם וֶועה גֶעטְהוּן זִי אִין אַזַא לַאגֶע אִין דֶעם אָרֶעמֶען פִינְסְטֶערְן שְׁטִיבֶּעלֶע צוּ זֶעהן, פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט הָאט אִיהם ר׳ שְׁלֹמֹה׳ס רֵייד אִיבֶּערְרַאשְׁט. עֶר הָאט זִיךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעפִיהלְט שׁוּלְדִיג.
— רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הָאט עֶר אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן, וָואס בִּין אִיךְ שׁוּלְדִיג?
— פֶּעטֶער, הָאט זִיךְ דִי קְרַאנְקֶע אָבְּגֶערוּפֶען, זַייט נִיט אִין כַּעַס אוֹיף אִיהם, עֶר אִיז נוּר אַ בְּלִינְדֶער שָׁלִיחַ גֶעוֶועזֶן בַּיי אֶרְגֶערֶע פַאר אִיהם! ... וָואס מַאכְט אִיהר, רֶבִּי? וִוי גֶעהט עֶס אַייעֶר טָאכְטֶער? לֶעבְּט זִי נוּט פַאר אִיהר מַאן? אִיז זִי גֶעטְרַייא זַיינֶע יְתוֹמִים׳לֶעךְ?
— מַיין טָאכְטֶער גֶעהט, אָהן אַ עַיִן הָרָע, גַאנְץ גוּט, רָחֶלֶ׳ע! הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוָוערְט, זַיי מִיר דוּ גֶעזוּנְד, הֶערְסְטוּ, בֶּנֶאֱמָנוּת אִיךְ ווִיל דוּ זָאלְסְט גֶעזוּנְד זַיין, נִיטָא, וִוי דוּ זֶעהסְט מִיךְ אַ יוּדֶען, נִיטָא קֵיין בֶּעסֶערֶע פַאר דִיר בַּיי אוּנְז אִין שְׁטֶעדְטֶעל! גָאט זָאל דִיר דַיינֶע חֲסָדִים אוּנ גוּט הַארְץ דֶערְמָאנֶען אוּנ זָאל דִיר דִיא רְפוּאָה צוּשִׁיקֶען!
— בֶּעט גָאט פַאר מִיר, רֶבִּי! הָאט רָחֶלֶ׳ע רִיהְרֶענְד גֶעזָאגְט, בֶּעט אִיהם אִיךְ זָאל לֶעבֶּען, אוֹיבּ נִיט ... בֶּעט אִיהם רֶבִּי, עֶר זָאל גִיךְ דִי טְרֶאסְטֶען, וֶועלְכֶע וֶועלן וֵויינֶען אוּנ קְלָאגֶען נָאךְ מִיר .... פַאר מַיינֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ, פַאר אַייעֶרֶע קְלֵיינֶע תַּלְמִידִים׳לֶעךְ — בֶּעט אִיהם, זָאל עֶר זֵייעֶר פָאטֶער זַיין! ... מִיר זַייט מוֹחֵל, רֶבִּי, אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ וֶוען גֶעזִינְדִיגְט אוּנְגֶערְן גֶעגֶען אַייךְ!
— אִיךְ וֶועל אִיהם בֶּעטֶען, רָחֶלֶ׳ע, הָאט שִׁימֶעלֶע צוּגֶעזָאגְט אִיךְ בִּין דִיר מוֹחֵל, בִּמְחִילָה גְמוּרָה מוֹחֵל, אֲפִילוּ דַיין פֶעטֶער בִּין אִיךְ מוֹחֵל, עֶר אִיז גֶעוִוין בְּצַעַר, אִיךְ הָאבּ אוֹיף אִיהם קֵיין פַארְאִיבֶּעל נִיט.
אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג הָאט שִׁימֶעלֶע פַאר זִיךְ גֶערֶעדְט: „אַ שָׁאד, בֶּנֶאֱמָנוּת אַ שָׁאד! זָאל זִי לֶעבֶּען, פוּן אִיהר הָאבּ אִיךְ פָארְט וֶוען אַ גְמִילוּת חֶסֶד גֶעהַאט, וָואס הָאבּ אִיךְ פוּן אַנְדֶערֶע? גַיין, אַ יוֹשֶׁר גָדוֹל זִי זָאל לֶעבֶּען אוּנ טַאקִי נוֹמֵל חֶסֶד זַיין, וַוייטֶער לַייהֶען עֶטְלִיכֶע קָארְבְּלֶעךְ אִין אַ נוֹיטְה!״ הַאלְבֶּע נַאכְט אִיז חַייעֶלֶע אָנְגֶעקוּמֶען דְבוֹרָה הָאט זִי עֶרְוַוארְטֶעט בַּיי זִיךְ אִין דֶערְהַיים. „קוּם חַייעֶלֶע, הָאט זִי מִיט אַ גֶעוֵויין אָנְגֶעהוֹיבֶּען אֵיידֶער זִיא הָאט נָאךְ אִיהר גֶעווֶעזֶענֶער שְׁווֶאגֶערִין שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם גֶעזָאגְט, אֵיידֶער דוּ גֶעהסְט נָאךְ צוּ מִיר אִין שְׁטוּבּ אַרַיין, קוּם צוּ דַיין קִינְד, צוּ דַיין נָאלְדֶען קִינְד, מְחִילָה בֶּעטֶען, גֶעזֶעגֶענֶען זִיךְ מִיט אִיהר! ... אָ, אוּנְזֶער לִיכְט פוּן אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען לֶעשְׁט גָאט אִין מִיטֶען טָאג אוֹיס!

– וואו איז מיין קינד? מיין רחל'ע, מיין ליכט וואו איז? האט חיי'על'ע אנגעהויבען שרייען און האט די הענד געבראכען, איז זי דען ניט דא ביי אייך?

– ניט אונטער איהר טאטענ'ס דאך, ניט צווישען איינע ליגט געבעך די גוטע רחל'ע. אין א ווינקעל ערגעץ, אונטער בלויען הימעל וואלט זי אויסגעגאנגען ווי א פערוואגעלט פויגעלע געביך וואס א שטורעמווינד האט זיין נעסט צוריסען... אז איהר געשטארבענער טאטע וואלט דאס געזעהן וואלט ער פון זיין ליעב קינד'ס עלענד נאך אמאל אין דער ערד אריין!

דבורה האט זי צו שרה'לעס שטיבעל צו געפיהרט. חיי'על'ע האט איהר ניטען שוואגער ניט ערקענט, אזוי פערענדערט און איינגעפינסטערט איז זיין געזיכט געווארן.

– נו חיי'על'ע, האט ער אויסגערעדט מיט א ביטערן שמייכעל. ווי געפאלט דיר דער קבר וואו דו האסט דיין ליכטיג קינד לעבעדיג בעגראבען? זינדיגע אשה דו נארישע מאמע, גאט האט דיר א קינד געגעבען וואס דו האסט עס גאר ניט פערדינט איצט אז ער געהמט עס צו פון דיר וועסטו דייגע האר רייסען אויף זיך... ווארף אראב דיינע נארישע צירונג פון דיר. לעג אש אויף דיין קאפ און זיי זיך מתודה פאר איהר!

מיט די רייד האט ער דאס פארהאנגען טהיר'ל געעפענט און זי האט רחל'ען דערזעהן. אלע פערשלאפענע, מיט עהרגייץ בעדעקטע מוטערגעפיהל'ע האבען זיך אויפגעוועקט און מיט אמאל זיך אנגעצונדען, איהר איז אין די אויגען פינסטער געווארן און איז אהן א אטהעם אין אונמאכט געבליבען. מען האט זי אבגעמינטערט. געוואלט פון צימערל ארויספיהרן, אבער זי האט זיך ניט געלאזען. ווי איך בין ווערטה אזוי בעצאהלט מיר גאט... אבער וואס איז מיין קינד שולדיג? האט זי געוויינט און געשריען און איז אזוי ביז טאג אין קלעמונג געבען בעט געזעסען און איהרע אויגען האבען זיך ניט געטריקענט. רחל'ע איז אין היטץ געלעגען און ניט געהערט וואס ארום איהר טהוט זיך; נר אז עס איז שוין גרויסער טאג געווען האט זי פלוצלונג די אויגען געעפענט, אנגעקוקט די וואס זיטצען געבען איהר און קיינעם ניט ערקענט.

– וואו איז מיין פעטער? האט זי געפרעגט.

– איך בין דא, מיין רחל'ע, אט בין איך. זעהסטו מיך ניט, ליעב קינד! האט ער זיך אבגערופען מיט פרייד און אנגעסט צוזאמען.

– אך, מיין ליעבער געטרייער פעטער! האט זי אויסגעזיפצט און מיט איהר בלאסער האנד געוואלט עפיס צונעהמען פון די אויגען, דאס וואס פערשטעלט איהר דעם שיין.

– איז נאך די ליעבע מוטער אלץ ניט געקומען? האט זי שטיל געפרעגט. וויל זי מיר ניט מוחל זיין? ווען איך זאל נור קאנען וואלט איך צו איהרע פיס פאלען און מחילה בעטען!

– מיין ליעב קינד, האט זיך חיי'על'ע א ווארף געטהון צו איהר. אט בין איך און בעט נאט דוא זאלסט מיר געזונד זיין, מיין רחל'ע!

– מיין ליעבע מוטער! האט רחל'ע מיט שטראהלענדע אויגען אויסגעשריען און זיך געוואלט אויפהעבען דער מוטער אויפן האלז פאלען, אבער צו שוואך זענען שוין איהרע כחות געווען און זי איז צוריק אויף איהר קישען געפאלען. טהרערן האבען זיך

אין אידרע אויגען בעוויזען, מען האט אויף איהר גענויכט אידרע אינערליכע פיין געזעהן. זיי רוהיג, מיין קינד, האט די מוטער געבעטען. דוא ביזט געבליך אזוי קראנק, אזוי אבגעשוואכט, נאט זאל דיר כחות געבען!

— גאט הארט איצט אלין וואס איך בעט איהם, ליעבע מוטער, האט זי מיט טהרערן אין די אויגען אויסגעשפראכען, איך האב איהם געבעטען, איך זאל דיך נאך זעהן ווי לאנג מיינע אויגען זעהן נאך. אך, מיט איין מינוט פריהער האב איך געמיינט איך וועל דיך שוין ניט זעהן מעהר... מיר איז פינסטער געוועזן, איך האב אבער דיין טרייע שטימע דערהערט איז מיר ווידער ליכטיג, איך זעה דיך, ליעבע מאמוניא, איך זעה דיא גאנצע וועלט! דיינע אויגען זענען רויטה אנגעווייגט... גענען דיר נור האב איך שווער געזינדיגט. זיי מיר מוחל, ליעבע מוטער, גיב מיר דיין האנד, אנקושען וויל איך זיא, ווייז ניט, מאמוניא!

חייעלע האט איהר די האנד געגעבען, רחלע האט זי אנגעקושט אונ פון איהר האנד זי גיט ארויסגעלאזען. די מוטער איז אזוי גערידהרט געוועזן, אז זי האט איין ווארט ניט געקאנט ארויסרעדען.

— ביזטו מיר מוחל, ליעבע מוטער? האט זי ווידער געפרעגט, נאט פיהלט מיין הערץ, ער וועט מיר אלין מוחל זיין. זיי אויך דוא דיין קינד מוחל האטש דוא פיהלסט אפשר ניט ווי אונגערן איך האב דיר ענמת נפש געמאכט.

— מיין נוט, מיין פרום קינד, האט ענדליך חייעלע ארויסגעחליפעט, ניט דוא דארפסט מיך מחילה בעטען, אבער איך בין ניט ווערטה דו זאלסט מיר מוחל זיין! איך האב געגען גאט, געגען דיר אונ געגען דיין געשטארבענעם טאטען געזינדיגט. א, איך בין שוין מעהר ניט ווערטה זיין ליעבען נאמען צו דערמאנען!...

— מוטער, גאט איז דיר מוחל, האט דיא קראנקע בעגייסטערט געטרעסט. ער וויים, אז דוא ביזט ניט שולדיג... איך האב איהם אלע מאל פאר דיר געבעטען, מיין ליעבער פאטער... א, צו איהם געה איך דאך באלד, צוזאמען וועלן מיר גאט פאר דיר בעטען, דו זאלסט זיינע יתומים׳לעך א טרייע מוטער אונ א ליעבענדע שוועסטער זיין!...

— פאר וואס, גאט, האסטו מיינע אויגען געעפענט ערשט אין דעם טאג ווען מיין וועלט איז מיר פינסטער געווארן?! האט חייעלע מיט א ביטערן קול געקלאגט אונ איהרע האנד געבראכען.

— מאמע, איז דען דיר אין דיין נייען לעבען ניט ליכטיג גענוג? האט דיא קראנקע געפרעגט.

— ניין, ניין, מיין ליעבע טאכטער! האט די מוטער מיט א ביטער געוויין געאנטווערט, ליכטיג איז מיין וועלט נור פאר דיין גוטען טאטען מיר געוועזן... א איך האב ניט געוואוסט וואס פאר א קרוין איך האב אויף מיין קאפ געהאט! ווער האט מיין גדולה ניט מקנא געוועזן? מיט מיין נוטער מערכה זיינע קינדער ניט געבענשט? ווער האט מיינע לויכטיגע ברילליאנטענע קינדער ניט גערימט. נור איך זינדיגע אשה בין בלינד געוועזן אונ מיין גדולה ניט פערשמאנען אונ מיינע אייגענע ברילליאנטען ניט געזעהן!... וואס האב איך פון דיר, מיין קינד, געוואלט? פאר וואס האב איך דעם עלענדען יתום משה׳לען פיינד געהאט? וועלכע שלעכטס האב איך פון איהם געזעהן? וועלכע חסידים

זענען פרומער און בעסער פאר איהם ; איך ווייס שוין איך וויים שוין מיין קינד!... א שטן האט מיך אנגערערט און גאט שטראפט מיך וויא איך בין ווערטה, ווען צו מיינע יאהרן!...

דער מוטערס ביטערע הרטה נאך דער צייט האבען רחלען צו איהרע אינערליכע און אויסערליכע פיין נייע קלעטזונג צוגעגעבען און אלע איהרע גלידער האבען צו־ציטערן און צו צוקען אנגעהויבען פון דעם ביטערן רחמנות געפיהל אין דעם קראנקען בעקלעמטען הערצען. דיא מוטער האט דאס צוקען געזעהן, דאס שטילע חליפען געהערט זי האט געמיינט דאס איז איהר קראנקהייטס אנפאל און האט נור געוויינט קוקענדיג.

— ליעבע מוטער", האט רחלע אין א שעה ארום געזאגט. עס איז דא א גאט, א גוטער גאט! ער איז א דיין אלמנות. א פאטער פאר אלע יתומים! ער וועט אויך דיינע טהערערן זעהן און דיינע יתומים א פאטער זיין! זיי דוא זיי א מוטער א געטריי און זיי וועלן ביין טרעסט זיין!... האסטו די קינדער דארט ביי זייער נייען טאטען געלאזען? א, ווי וויל איך זיי נאך זעהן פאר מיין טוידט!....

— די קינדער זענען דא, רחלע, האט זיך דער פעטער ארויסגעהאפט. חייעלע א וואונק געבענדיג זי זאל ניט אויסזאגען אז זיי זענען מיט איהר ניט מיטגעפאהרן. די מוהמע דבורה האט זיי שלאפען געלעגט. א נאנצע נאכט געפאהרן, א רחמנות זיי צו וועקען.

— זאלן זיי אויסרוהען, מיינע פויגעלעך האט זי ווי מיט פרייד ארויסגערעדט. א, ווי גוט ווערט מיר, אז איך ווייס אז זיי זענען ווידער נאהענט פון מיר! ווייסען זיי שוין אז זייער ליעבע רחלע איז קראנק?

— איך האב זיי ניט געזאגט, צו וואס זאל איך זיי מצער זיין? האט זיך דיא מוטער אבגערופען, צו גאט האף איך, דו וועסט מיר באלד געזונד ווערן! זאלן זיי זיך בעסער פרעהען מיט זייער ליעבע שוועסטער, מיט זייער טהייערע טרייע שוועסטער!...' — רחלע האט א שווערן זיפץ געטהון און איהרע אויגען צו גאט אויפ־געהויבען. מען האט קלאר געזעהן: זי בעט איהם איצט ער זאל איהר דאס לעבען שענקען צו ליעב די קינדער.

— פעטער, האט זי געזאגט, איך בעט אייך, אז זיי וועלן אויפשטעהן, זאגט זיי ניט אז איך בין קראנק, פיהרט זיי אריין און פערשטעלט מיך פון זיי, זאלען זיי ניט וויסען ווער דא ליגט קראנק, פון נייטען וועט איהר מיר א וואונק געבען, איך זאל זיי זעהן, פון נייטען וועל איך אנקוקען און אנווינשען, מיינע עלענדע ברידערלעך!

— גוט, גוט, אז זיי וועלן זיך נור גוט אויסרוהען! האט ער צוגעזאגט.

פאר נאכט האט זי ווידער גרויס היטץ בעקומען און אויפגעהערט צו ערקענען. דער דאקטאר האט געזאגט, ער האפט: זי וועט די נאכט שוויטצען און האט אלע מיטעל געטהון א גינסטיגען שווייס ארויס צו ברענגען. פאר טאג האט די מוטער ווירקליך א שווייס בעמערקט און האט באלד מיט פרייד ר' שלמהן אנגעזאגט. ער איז באלד אין בית המדרש אוועגגעלאפען, מיט פרייד און מיט דאנק צדקה געטהיילט און נאך גראסערע צוגעזאגט אז זי וועט שוין אין גאנצען געזונד ווערן. און דא האט די מוטער מיט שרהלען זיך מיה געגעבען דעם שווייס וואס מעהר צו טרייבען ווי זיי וואלטען

געהאפט מיט דעם איהר נאנצע קראנקהייט ארויסצוטרייבען. אז עס איז גרויסער טאג געווארן האט די קראנקע די אויגען געאפענט און א טרונק געבעטען, דער דאקטאר האט זי געפונען געראטעוועט. די היטץ האט אין גאנצען אבגעטרעטען נור שוואך איז זי געוועזן, אז מען האט קוים געהערט וואס זי רעדט.

— ווי פיהלסטו זיך, מיין קינד? האט די מוטער פאל ליעבע און פרייד געפרעגט.

— מיר איז היינט פיעל בעסער, ליעבע מוטער, איך בעט דיך, רוה שוין אויס א ביסעל, לעג זיך צו שלאפען, מיך שלאפערט אויך, איך בין מיד, שרעקליך מיד, ליעבע מוטער!

חייעלע האט זי היים אנגעקושט און אז זי האט געזעהן זי שלאפט שוין האט זיא זיך אויך פערגינט צוצולעגען אויף שרהלעס בעט און איז פון מידקייט שטארק אנטשלאפען געווארן. א שווערער שטיין איז פון יעדענס הערצען אראבגעפאלען. ר' שלמה איז גוט געוועזן צו יעדען און וואלט זעלבסט זיין נשמה אוועקגעגעבען ווען עמאנד וואלט זי ביי איהם געבעטען. פיער אוהר האט זיך רחלע אויפגעהאפט, עס איז געבען איהר געזעסען און די פליגען אבגעטריבען זיי זאלען זי ניט ביסען.

— פעטער, ווען קאן משהלע קומען? האט זי געפרעגט.

— מארגען, מיין ליעב קינד!

— היינט קאן ער ניט קומען?

— וואס זאל איך דיך נארן, מיין ליעב קינד, האט ער געאנטווארט, היינט, דאכט מיר, קאן ער נאך ניט קומען. איך ווייס אליין ניט וויפיעל מייל ער האט צו פאהרן, מיינע אבותי זענען אפשר קיינמאל אזוי ווייט ניט געוועזן, זעהר א ווייטער וועג זייגער, מיין קינד!

— זעהר א ווייטער וועג זייגער!... האט זי שווערמוטהיג איבערגעזאגט און איהרע אויגען זענען פאל געווארן, קורצער א סך איז מייו וועג איצט... גיב איהם, גאט, אויך אין לעבען א לענגערן, גרינגערן וועג פאר מיר!...

די מוהמע דבורה איז אריינגעקומען. „מוהמע, האט רחלע, געזאגט, זענען שוין מיינע ברידערלעך אויפגעשטאנען? א, ווי וויל איך זיי שוין זעהן א מאל!..." ר' שלמה האט זיין ווייב א וואונק געטהון, אבער רחלע האט דעם וואונק בעמערקט.

— ניט האט קיין מורא, פעטער, מיר דעם אמת אויסצוזאגען, האט זי מיט א בעקלעמטען קול געזאגט. מען האט די עלענדע קינדער ניט מיטגענומען געזעגנען זיך מיט זייער שוועסטער... אפשר איז אזוי גלייכער... א, ווי וואלט דאס הערץ אין מיר צעריסען געווארן זעהען זיי וויינען נעבען מיין בעט בעת איך קאן זיי שוין ניט טראסטען ... זאלן זיי געזונד זיין דארט, וואו גאט איז מיט זיי און ניט זעהן מיט זייערע אויגעלעך, ווי זייער רחל'ע וועט א טוידטע אויף דער ערד ליגען, ווי מען וועט מיך דארט אויפ'ן בית עולם אין טיפען נאסען קבר אראבלאזען און מיט ערד בעשיטען... איך האב עס א מאל געזעהן. מוהמע, א, דאס איז א שרעקליכע סצענע פאר א יונג אויג!... זאלן זיי עס ניט זעהן און ניט וויסען און ניט פיהלען דיא אנגסט און שרעק וואס פיהלט מיין הערץ פון יענעם טאג אן!...

— מיין ליעב קינד, וואס רעדסטו עפיס פון שטארבען? האט ער מיט אנגסט

געפּרעגט, דו האָסט דאָך געשוואויצט די נאַכט אונ דער דאָקטאָר זאָגט, דו וועסט באַלד
געזונד זיין, מיר וועלן נאָך טראַסט אונ נחת האָבען אונ די גראָסטע פרייד וועט זיין,
אַז משה'לע וועט קומען אַ ערליכער פרומער יוד ווי מיר אַלע ווינשען איהם אונ איך
מיט דיין מאַמען, זאָל געזונד זיין, וועלן אייך אונטער אייער חופה בענשען! וועה־ווֹשע,
מיין טאַכטער, געזונד צו ווערן!" — זי האָט געשוויגען נור איהרע פאַלע אויגען האָבען
איהר פיין דערצאָהלט, איהם האָט אָנגעהויבען צו שרעקען.

— זאָל איך אפּשר נעהן דעם דאָקטאָר רופען? האָט ער מיט אַנגסט געפרעגט.

— ניין, פעטער. האָט זי געאַנטווערט אונ זיין האַנד מיט אַ קראַמפּף צוגעדריקט.
נעהט איצט ניט אַוועג פון מיר. איהר וועט מיט מיר ודוי זאָגען!...

ער האָט זיך פערלאָרן, געוואָלט אַ געוואַלד מאַכען, אָבער זי האָט ווידער
אָנגעהויבען רעדען: „פעטער, שרעקט אייך ניט, האָט זי געבעטען, מיין בעסערונג איז
נור אַ פאַלשער שיין געוועזען... וויא אַ ליכט נעהט אויך דעם מענשענס לעבען אויס...
איין מינוט פאַר דעם פערלאָשען ווערען הויבט עס אָן ליכטיגער צו שיינען... עס קאַנצעט
זיך די כחות מיינע, פעטער, מיר דאַכט: מיינע פיס זענען שוין אָבגעשטאָרבען, האַלט
איך די אויגען אָפען זעה איך: ווי דאָס גאַנצע צימערל איז פון טהערען פאַל, אין די
לופטען, איבער מיין קאָפּ, איך שווים אום אין זיי... פערמאַך איך די אויגען, דאַכט
מיר: איך ליג שוין אויף דער ערד... מיט דעם שוואַרצען געוואַנד אַריבערגעדעקט... אין
מיינע אויהרען קלינגט דיא „צדקה תציל ממות" פושקע... זעהט איהר ניט, דאָרט ביי
דער טהיר וואַרט שוין דער אָרון צו מיין לויה... נאָט זאָל אייך טראָסט צו שיקען, דאָס
בעט איך איהם נאָך!...

— רעד ניט, יעדעס וואָרט דיינס איז מיר אַ שפּיז אין האַרצען!...

— זאָל איך פאַר מיין טוידט זיך מיט מיין ליעבען פעטער ניט געזעגענען? אָ, איך
האָב אייך נאָך וואָס צו בעטען, עס וועט באַלד קיין צייט ניט זיין, פעטער ליעבער!

ער האָט איהר האַנד אָנגערירט זי איז שוין קאַלט אונ כמעט טוידט געוועזן.
מיט שרעק איז ער פון צימערל אַרויסגעלאָפען אונ אַ ביטער געשריי געמאַכט: „זי איז
פאַרביי! זי געהט ווי אַ ליכט אויס. לויפט צום דאָקטאָר. ניכער טאַמער קאָן מען נאָך
באַטעהען!" וויפיעל עס זענען אין פאָרדער צימער מענשען געוועזן האָבען זיך צו דער
קראַנקער אַ וואָרף געטהון, חיה'לע איז ווי אַ צוטומעלטע צוגעפאַלען צו איהר קינד.
„וואָס זענען אַזוי דיינע ליכטיגע אויגען אויסגעלאָשען געוואָרן, רחל'ע, מיין קרוין, מיין
ליכט פון מיינע אויגען?!..." האָט זי געטענהט אונ די האָר אויף זיך געריסען.

— וויין ניט, וויין ניט, ליעבע מאַמוניא! האָט רחל'ע ריהרענד געבעטען, נאָט
רופט מיך, איך האָר די שטימע זיינע, זי איז שוין נאָהענט... אָ, גלויב איהם, מוטער
ליעבע, ער וועט דיר טראָסט אונ כחות געבען!....

— לעב מיר בעסער, מיין ליעב קינד, קיין אַנדער טראָסט וויל איך ניט!

— מוטער, ער האָט מיר מיין נשמה געגעבען, ער נעהמט זי צוריק צו, געלויבט
איז ער! „פיינע שטעהט מיר איצט פאַר מיינע אויגען... זי איז פון איהר
אייביגער רוה געקומען דערמאַנען: איך זאָל ערפילען מיין היילינג וואָרט וואָס איך האָב
איהר געגעבען, פאַר איהר אַ קדיש צו דינגען אונ צום יאָהרצייט אַ ליכט אָנצינדען. מוט

דָאס דו פַאר מִיר אונ זִי וֶועט פַאר דִיר אונ דַיינֶע יְתוֹמִים'לֶעךְ נָאט בֶּעטֶען!

– נְרָאסֶערֶע חֲסָדִים וָואלְט מִיר אוֹיךְ נִיט צו שְׁוֶוער זַיין, פַאר פֵּיינֶען וָואס הָאט דִיךְ, מַיין קִינְד, אוֹיף אִיהרֶע הֶאנְד אוֹיסְנֶעהָאדִיוֶועט. אָ, זָאל זִיא בֶּעטֶען פַאר דִיר!..

וִויפִיעל צַעַר אונ אַנְגְּסְט הָאט דִי גוּטֶע שָׂרָה'לֶע מִיט אִיהר מוּטֶער פוּן מִיר בִּיז מַיין לֶעצְטֶער מִינוּט! אִיךְ וָואלְט מִיט אַ פֶּערל בֶּעצָאהלֶן זֵיי פַאר יֶעדֶע טְרֶערֶע וָואס זֵיי פֶערְנִיסֶען פַאר מִיר; אָבֶּער אוֹיס זֶענֶען מַיינֶע יָאהרֶן... בֶּעצָאהל זֵיי דו, לִיעבֶּע מוּטֶער, וָואס אִיךְ קָאן שׁוֹין מֶעהר נִיט!

– אֲפִילוּ מַיין גֶעזוּנְד אונ לֶעבֶּען וָואלְט אִיךְ אַוֶועקְגֶעבֶּען, נוּר לֶעבּ, נוּר זַייא גֶעזוּנְד!... הָאט דִי מוּטֶער גֶעחְלִיפֶּעט.

– זָאל אִיךְ דִיךְ נָאךְ בֶּעטֶען גֶעטְרַייא זַיין מַיינֶע עֶלֶענְדֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ אונ לִיעבֶּען שְׁוֶועסְטֶערל? נֵיין מַאמוּנְיָא! דו וֶועסְט זֵיי טְרַייא זַיין אָהן מַיין בֶּעטֶען. – אִיךְ וֵויים: זֵיי זֶענֶען אִין זֵייעֶר גַייעֶר הֵיים גֶעבְּלִיבֶּען... זָאג זֵיי נִיט, מַאמֶע, אַז רָחֶלֶע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען; צוּ וָואס זָאלֶן אוֹיךְ זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע טְרֶערֶעלֶעךְ אִין מַיין קֶבֶר מִיר אַרַיינְרִינֶען? נוּר וֶוען דִיזֶע עֶלֶענְדֶע קִינְדֶער וֶועלֶן דִיךְ פְרֶאגֶען: מַאמֶע, וואוּ אִיז רָחֶלֶע? אוּנְזֶער לִיעבֶּע שְׁוֶועסְטֶער וואוּ אִיז? זָאג זֵיי: „וַוייט, וַוייט אִיז רָחֶלֶע אַוֶועקְגֶעפָאהרֶן, דָארְט, וואוּ דֶער הִימֶעל לָאזְט זִיךְ בִּיז דֶער עֶרְד אַרָאבּ, וואוּ וַוייטֶער קָאן מֶען שׁוֹין נִיט פָאהרֶן. דָארְט אוֹיף יֶענֶעם פֶערְוָוארְפֶענֶעם בֵּית עוֹלָם, וואוּ אַייעֶר גֶעטְרַייעֶר טַאטֶע לִיגְט – דָארְט, קִינְדֶערְלֶעךְ, בֶּעט רָחֶלֶע נָאט פַאר אַייךְ, אִיהר זָאלְט גֶעזוּנְד זַיין, גוּטֶע, גֶעלֶערְנְטֶע אונ אוֹיךְ גְלִיקְלִיכֶע זַיין!..." וֶועט אַ מָאל משֶׁה'לֶע וֶועלֶן דִי קִינְדֶער גוּטְס טְהוּן, גְלוֹיבּ אִיהם מַאמוּנְיָא, אִין נָאמֶעם וֶועגֶען וֶועט עֶר זֵיי פִיהרֶן!....

דִיא וֶוערְטֶער הָאבֶּען בַּייא אַלֶעמֶען דָאס לָשׁוֹן אָבְּגֶענוּמֶען נוּר טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ שְׁטִיל גֶעגָאסֶען. „גוּטֶע רִבְקָה, אונ אִיהר, לִיעבֶּע שָׂרָה'לֶע! הָאט זִיא אִיהרֶע אוֹיגֶען וֶוענְדֶענְדִיג צוּ זֵיי גֶעזָאגְט. זַייט מִיר מוֹחֵל אַייעֶר צַעַר אונ אַנְגְּסְט וָואס אִיךְ הָאבּ פַאר אַייעֶר חֶסֶד אִין אַייעֶר שְׁטִיבֶּעלֶע אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען! אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט גֶעוָואלְט נִיט גֶעוואוּסְט.... גֶעזֶעגֶענְט אַייךְ מִיט אַייעֶר שְׁכֵנָה וֶועלְכֶע קְלוֹיבְּט זִיךְ בַּאלְד פוּן אַייעֶר דִירָה אַרוֹיס... אַ אַנְדֶער דִירָה, אַ אֵייבִּיגֶע אִיז אָנְגֶעגְרַייט, צוּגֶעפּוּטְצְט פַאר מִיר... מַיין לִיעבֶּער פָאטֶער הָאט נָאךְ אִין זַיין לֶעבֶּען דִיא דִירָה גֶעלְד בֶּעצָאהלְט.... נִיט בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועזֶן מִיר אִין זַיין שְׁטוּבּ צוּ שְׁטַארְבֶּען, זָאל אִיךְ חָאטְשׁ אִין זַיין קֶבֶר מַיין אֵייבִּיגֶע רוּהֶה גֶעפִינֶען... מוּטֶער, דוּ וֶועסְט נִיט לָאזֶען דַיין טָאכְטֶער זֵייעֶר דִירָה גֶעלְד אַוֶועקְפִיהרֶן אַהִין, פוּן וַואנֶען מֶען קָאן שׁוֹין קֵיינְמָאל, קֵיינְמָאל נִיט אָבְּשִׁיקֶען.... „אונ דוּא, לֵייבֶּעלֶע, אָרֶעם יָתוֹם'ל, הָאט זִי צוּ שָׂרָה'לֶעס יוּנְגֶעל גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט גוּטְס טְהוּן דִיר, לִיעבּ קִינְד. אִיצְט קָאן אִיךְ נוּר, וִוי פַאר מַיינֶע לִיעבֶּע בְּרִידֶערְלֶעךְ, אוֹיךְ פַאר דִיר דֶעם פָאטֶער פוּן יְתוֹמִים בֶּעטֶען. זָאל עֶר אַייךְ גוּטְס טְהוּן וִוי אִיךְ וִוינְשׁ אַייךְ. עֶלֶענְדֶע קִינְדֶער!.... וֵויין נִיט, לֵייבֶּעלֶע, אִיךְ גֶעה דָאךְ אַהִין וואוּ דַיין טַאטֶע אִיז... אִיךְ וֶועל אִיהם זָאגֶען: דוּא פָאלְגְסְט וָואס גָאט הֵייסְט, אונ וָואס דַיין גוּטֶע מַאמֶע אונ קְלוּגֶע בָּאבֶּע הֵייסֶען....

– מַיין טַאטֶע אִיז דָאךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען, חָאט דָאס קִינְד מִיט אַ וֵויינֶענְד קוֹלְכֶל זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, גֶעהט נִיט אַהִינְצוּ, רָחֶלֶע!... אִיךְ בֶּעט נָאט אִיהר זָאלְט גֶעזוּנְד וֶוערֶן.

– מיינע ברידערלעך וועלן ניט וויסען אז איך בין געשטארבען. בעט דוא נאך אונ זאג א מאל קדיש נאך מיר, ליבעלע, אויב מען וועט זאגען אז דו מאגסט ... זיי מיר געזונד, פאלג וואס נאך הייסט אין הייליגען חומש וועלכען דוא האסט מיר פערטייטשט! איך וועל איהם פאר דיר אויך בעטען אונ פאר דיין ליעבע מאמען, גוטע מאמען....

ליעבע מוהמע, האט זי צו דבורה'ן געזאגט, איהר האט מיך געטראסט ווען איך האב נאך מיין טרייען פאטער געוויינט אונ געקלאגט. טראסט איצט דיא, וועלכע וועלן באלד נאך מיר וויינען אונ קלאגען!...זייט מיינע ברידערלעך א מוהמע א גוטע ווי געוועזן אונ א שוועסטער א טרייע אויך דער ליעבער עלענדער מוטער מיינער.... ווען איער פלעמעניק, דער ליעבער משהלע וועט קומען אה וועט וויינען אונ קלאגען אז ער וועט מיך שוין אונטער'ן שטומען בארגעל, דארט אויפ'ן בית עולם געפינען—זאלט איהר איהם זאגען: איך האב איהם פאר מיין טוידט געבעטען: ער זאל זיין פאל הערץ אונ טהרערן נור פאר גאט אויסגיסען אונ מענשען זאל ער מוחל זיין!... זאגט איהם, ביז איהר טוידט איז איהם רחלע טריי געוועזן אונ ביז איהר קבר האט זיא איהם ניט פערגעסן!

אין דער מינוט איז דער דאקטאר אריינגעקומען. חייעלע איז מיט א ביטער געוויין צוגעפאלען, ער זאל באטעווען; אבער קוים האט ער די אבגעשטארבענע האנד רחלע'ס דערזעהן האט ער געאנטווערט: ליעבע מוטער, גאט איז א דאקטאר, איהם בעט, איך קאן נור מיט דער קראנקהייט קאמפפען אבער ניט מיט דעם טוידט!....״ חייעלע האט צו חלשן אנגעהויבען אונ מען האט זי אונטער די האנד פון צימערל ארויסגעפיהרט. דער דאקטאר האט אלעמען געהייסען ארויסגעהן אונ איז אליין אויך ארויסגעגאנגען חייעלען מינטערן, נור ר' שלמה איז ווי א שטומער נעבען דער קראנקער געבליבען. רחלע האט זיי טרויעריג נאכגעקוקט. „זייט געזונד אלע מיינע ליעבע אונ מיינע טרייע! האבען נאך איהרע ליפען שטיל ארויסגערעדט, זייט אויך איהר געזונד, ליעבע ברידערלעך אונ ארעם שוועסטער'ל! גליקליכער פאר מיר זאלט איהר לעבען, אלטער אונ גרינגער פאר מיר זאלט איהר שטארבען .... אונ דו, ליעבער משה'לע, פערגעס מיך, פערגעס דיין רחל'ען! פערגעסען דיך קאן זי ניט זעלבסט פאר איהר טוידט!....״ פעטער, איך וויל ווי א יודישע טאכטער שטארבען ווי איך האב וויא א יודישע טאכטער געלעבט ... זאגט מיט מיר ודוי!

– זאג דו מיט מיר ודוי, מיין קינד! האט ער קוים ארויסגערעדט אונ דעם סדור גענומען אונ ודוי געזאגט, זיא האט נאכגעזאגט, נור אין הערצען האט ער זיך געשלאגען, זי האט שוין קיין כח ניט געהאט.

דיא זונן האט אנגעהויבען אונטערצוגעהן, איהרע לעצטע רויטליכע שטראהלען האבען אין צימערל אריינגעשיינט אונ דאס שאנע בלאסע געזיכט פון דער שטארבענדער בעלייכטעט. עטוואס הייליגעס, טרויעריגעס אונ שרעקליכעס איז אין דער בעלייכטונג געוועזן, ר' שלמה'ן האט געדאכט, דאס שטראהלט אזוי דאס שאן געזיכט פון דער. וועלכע האט ערשט ודוי אבגעזאגט. אויך די וואס זענען צוריק ארייג־געקומען, נאך דעם זיי האבען חייעלען אבגעמינטערט זענען פערוואונדערט געווארן פון דעם רויטליכען ליכטיגען שיין וואס האט איבער רחל'עס ליעבען אנציהענדען פנים

געשפילט אונ זיי זענען פאר איהר בעט געשטאנען אין שטומער בעוואונדערונג מיט א היילינגען ציטערן אין אלע גלידער. באלד איז די זון אונטערגעגאנגען, אין חדר'ל איז דונקעל געווארן אונ אויך רחל'עס שיינענד פנים האט שוין מעהר ניט געשיינט... אז די מוטער האט זיך צוריק צו איהר קינד אריינגעריסען האט שוין אין חדר'ל אליכט געברענט אבער דס גוטע קינד האט שוין ניט די מוטער ניט דעם שיין געזעהן. מיט קושען אונ מיט טהרערן הייסע האט נאך די פערצווייפעלטע מוטער איהר קינדס אבגעשטארבענע קאלטע האנד געווארעמט, ווי עס וואלט נאך מעגליך געוועזן זיי צו דערווארעמען. דער לעצטער קאמפף האט זיך אנגעהויבען, טוידט אונ לעבען האבען אין דעם ליעבען קארפער געשטריטען אונ מיט ציטערן אונ אנגסט האט מען צוגעקוקט ווי דער טוידט איז גובר אונ דאס לעבען ווערט אלץ שוואכער אונ שוואכער...

אלטערע בעלי בתים פונ'ם שטעדטעל, וועלכע זענען געקומען יציאת נשמה דערווארטען – האבען ר' שלמה'ן דערמאנט אז ער איז א כהן אונ טאהר שוין מעהר מיט זיין ליעבער רחל'ען אונטער איין דאך ניט זיין. ער האט זי נאך אין שטערן א קוש געטהון אונ איז ווי א צומישטער ארויסגעגאנגען. אויך חייע'לען האט מען איבערגעוואלד ארויסגעפיהרט, די לעצטע פיין אונ שמערצען פון איהר ליעב קינד, מיט די אויגען ניט צו זעהן. ר' שלמה איז די גאנצע נאכט אונטערן פענסטערל געשטאנען, די האר פון קאפ געריסען אונ צו גאט געשריען: ער זאל שוין איהם אויך צונעהמען פון דער פינסטערער וועלט, פון דער פערדארבענער פאלשער וועלט, וואו א מענש א מענשען קאן אזוי פערפיהרן, טרייהייט אין אכזריות צו פערקעהרן אונ אזא ליעב קינד, אזא בריליאנט קינד דיא יאהרן אבקירצען...

עס האט צו בעגינען אנגעהויבען, ווי פייער רויטה איז יענער ברעג הימעל געווארן וואו דיא זון האט זיך צוגעגרייט איהר נייען קרייז ארום דער ערד ארום־צוגעהן, פון די נאהענטע, מיט טהוי בעדעקטע פעלדער, וועלכע האבען זיך פון דעם ארעם שטיבעלע געזעהן, האט זיך א פריש קיהל ווינדטעל צוגעטראגען אונ עס האבען זיך שימערנדע קלארע טהוי טראפענס געזעהן אויף יעדעם בלעטעלע, אויף יעדעם גראזעלע. ר' שלמה'ן האט געדאכט: זעלבסט זיי וויינען איצט מיט איהם אויף דעם יונגען טוידט דא אין שטיבעלע... נאך א קורצע צייט איז אריבער את די זון איז אין גאנצען ארויס, דער טהוי פון דיא פעלדער האט זיך ווי א רויך אויפגעהויבען אונ מיט איהם צוזאמען איז ארויף אויך דער לעצטער לעבענס הויך פון דעם יונגען בלימעלע וואס האט א מאל רחל'ע געהייסען... די וואס זענען מיט ליכט אין די האנד ארום איהר בעט געשטאנען האבען פלוצלונג געזעהן ווי איהרע פערשלאסענע אויגען האבען זיך געאפענט. שטיל אונ ריהרענד האבען זיי נאך דיא ערשט ליכטיג געווארענע וועלט אנגעקוקט אונ אזוי שטיל אונ אזוי ריהרענד האבען זיי זיך צוריק פערמאכט זיי שוין קיינמאל מעהר צו אפענען אונ דיא וועלט שוין קיינמאל קיינמאל ניט מעהר צו זעהן... איינינע מינוט איז נאך אויף איהר ליעבען פנים שמערץ אונ פיין געוועזן צו זעהן באלד אבער האט מען א שטילען שווערן זיפץ דערהערט, דאס געפייניגט יונג הערץ איז שטעהן געבליבען אונ דער פאדעם פון איהר לעבען האט זיך ווי אין מיטען אבגעריסען... דאס טוידטע געזיכט האט זיך צוריק אויסגעגלייכט אונ דער ליעבער חן אויף איהר

הָאט צוּרִיק וִוי אוֹיף אַ לֶעבֶּעדִיגֶע גֶערוּהט אִין מֶען הָאט גֶעזָאגְט מֵיינֶען זִיא שְׁלָאפְט אַ רוּהִיגֶען, אַ עֶרְקְוִויקֶענְדֶען שְׁלָאף. —

הָאגֶער אוּנ לִיכְטִיגֶער אִיז דִי זוּן אַרוּיף. נוּר אַיינֶער אִיהרֶע וַוארֶעמֶע שְׁטְרַאהלֶען הָאבֶּען נָאךְ דִי טְהוי טְרָאפֶּענְס פוּן דִי גְרֶאזֶעלֶעךְ אוּנ בְּלֶאטֶעלֶעךְ אָפְּגֶעטְרִיקֶענְט – אִיז שׁוֹין אַ פֶערְוֶועלְקְטֶע אוּנ פֶערְקִיהלְטֶע אוֹיף דֶער עֶרְד גֶעלֶעגֶען דִי גַאנְצֶע רַחֵל'ע וֶועלְכֶע הָאט נָאךְ נִיט לַאנְג צוּרִיק אַזוֹי שֵׁאן גֶעוַואקְסֶען אוּנ אַזוֹי לִיעבּ גֶעבְּלִיהט... מֶען הָאט פִיעל לִיכְט אָנְגֶעצוּנְדֶען, אֶפְשָׁר לִיכְטִיג צוּ מַאכֶען יֶענֶע אוֹיגֶען, וָואס זַיינֶען לִיכְטִיגֶע זוּן אִיז אִיצְט מִיט דֶעם שְׁוַוארְצֶען מֵתִים גֶעוַואנְד פֶערְדֶעקְט גֶעוָוארֶן, אָבֶּער נִיט מֶעהר דֶער, וֶועלְכֶע אִיז שׁוֹין אוֹיף דְרַיי שְׁטְרוֹיה אוּנְטֶער דֶעם גֶעוַואנְד גֶעלֶעגֶען... דִיא אַלְטֶע רִבְקָה הָאט זִי מְחִילָה גֶעבֶּעטֶען פַאר דֶער מוּטֶער, פַאר דֶער מוּהמֶען, פַאר זִיךְ אוּנ פַאר שְׂרֶהלֶען אוּנ אִיהר גֶעהַייסֶען אַ גוּטֶע בֶּעטֶערִין זַיין פַאר אִיהרֶע לִיעבֶּע וֶועלְכֶע וַויינֶען נָאךְ אִיהר אוּנ אַייְדֶער זִי הָאט נָאךְ אִיהרֶע טְהרֶערֶען אָבְּגֶעווִישְׁט הָאט מֶען שׁוֹין אִיהר לִיעבֶּע שְׁכֵנָה פוּן אִיהר שְׁטִיבֶּעלֶע אַרוֹיסְגֶעטְרָאגֶען. עֶס אִיז אִין שְׁטֶעדְטֶעל כִּמְעַט אַ מֶענְשׁ נִיט גֶעבְּלִיבֶּען וָואס אִיז צוּ דֶער לְוָיָה נִיט גֶעגַאנְגֶען אוּנ קֵיינֶער אִיז צוּ דֶער לְוָיָה נִיט גֶעוֶועזֶען וָואס הָאט אַ טְהרֶער נִיט פֶערְגָאסֶען, אָדֶער פוּן דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער אַ גַאנְצֶעם שֶׁבַח נִיט דֶערְצֶעהלְט.

אִין אַ פָּאר שָׁעָה אַרוּם הָאבֶּען צְוֵויי שַׁמָשִׁים, אוֹיף יֶענֶעם אָרְט, וואו דָאס לִיעבּ עֶנִיקֶעל הָאט גֶעגֶעבֶּען זַיינֶעם קֶבֶר, תִּשְׁעָה בְּאָב, אַזוֹי פִיעל טְהרֶערֶען פֶערְגָאסֶען – אַ טִיפֶען קֶבֶר אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּען אוּנ נָאךְ אִין הַאלְבּ שָׁעָה אַרוּם הָאט אַ פְּרִישׁ בֶּערְגֶעל עֶרְד צוּגֶעדֶעקְט דִיא. וָואס הָאט נָאךְ הַיינְט דִיא וֶועלְט אוּנ דִיא זוּן מִיט אִיהרֶע אוֹיגֶען אָנְגֶעקוּקְט.

פוּן יֶענֶער זַייט פַּארְקַאן וואו ר' שְׁלֹמֹה אִיז נִיט לַאנְג גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ זַיין גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם פָאטֶערְס מַצֵּבָה שְׁטֵיין גֶעזֶעהן, אִיז עֶר אִיצְט ווִידֶער גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ מִיט פָאלֶע אוֹיגֶען צוּגֶעקוּקְט וָואס דָא גֶעהט פָאר. עֶר הָאט נִיט גֶעוויינְט, נִיט גֶעקְרֶעכְצְט; נוּר אַז עֶר הָאט דֶעם עֶרְשְׁטֶען קַדִישׁ בַּייא דֶעם עֶרְשְׁט אָנְגֶעשָׁאטֶענֶעם קֶבֶר דֶערְהֶערְט, הָאט עֶר מִיט אַהֶערְצְבַּייסֶענְדֶער שְׁטִימֶע „אָמֵן יְהֵא שְׁמֵיהּ רַבָּא" גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִיז צוּרִיק שְׁטִיל אוּנ שְׁטוּם גֶעבְּלִיבֶּען וִוי פְרִיהֶער.

דֶער הִימֶעל הָאט זִיךְ מִיט אַ גֶעוויטֶערְפָאלֶען וָואלְקֶען פֶערְצוֹיגֶען, עֶס הָאט אַ הֶעלֶער בְּלֶענְדֶענְדֶער בְּלִיטְץ גֶעטְהוּן אוּנ בַּאלְד הָאט אוֹיךְ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער דוּנֶער דָאס גַאנְצֶע, מִיט קְבָרִים בֶּעדֶעקְטֶע פֶעלְד פֶערְהִילְכְט. אַ הֶעפְטִיגֶער ווִינְד הָאט דִיא יוּנְגֶע צְוַויינֶעלֶעךְ אִיבֶּער דִיא קְבָרִים בִּיז צוּ דֶער עֶרְד צוּגֶעבוֹיגֶען אוּנ גְרוֹיסֶע טְרָאפֶּענְס רֶעגֶען הָאבֶּען מִיט שְׁטוּרֶעם אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאלֶען. דִי לֶעבֶּעדִיגֶע זֶענֶען גֶעשְׁווִינְד פוּן בֵּית עוֹלָם אַרָאבּ, אוּנְטֶער אַ דַאךְ עֶרְגֶעץ פוּן רֶעגֶען זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען–דִי טוֹידְטֶע אָבֶּער זֶענֶען פוּן רֶעגֶען אוּנ פוּן שְׁטוּרֶעם, וִוי פוּן אַלֶע אוּנְגֶעווִיטֶער אִין מֶענְשְׁלִיכֶען לֶעבֶּען, אִין זַיירֶע קְבָרִים שׁוֹין לַאנְג גֶעזִיכֶערְט גֶעוֶועזֶען...

פַאר נַאכְט הָאט דֶער רֶעגֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט, דִי נַאסֶע קְבָרִים זֶענֶען נִיךְ טְרוּקֶען גֶעוָוארֶען אוּנ אוֹיךְ פוּן דִי פֶערְגָאסֶענֶע טְהרֶערֶען דָא אִיז קֵיין כֵּלֶעד אוּנ קֵיין זֵכֶר מֶעהר גֶעבְּלִיבֶּען... דֶער הִימֶעל הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלוֹיטֶערְט. דִיא זוּן הָאט ווִידֶער דָאס אֵייגֶענֶע

פֶעלְד בֶּעלַייכְטֶעט אונ מִיט אַלִיכְטִיגֶען שְׁטְרַאהל אוֹיךְ דֶעם פְרִישֶׁען קֶבֶר בֶּענְרִיכְט...

---

הַייעֶ'לֶען הָאט מֶען פוּן בֵּית עוֹלָם אַ קְרַאנְקֶע אַרָאבְּגֶעפִיהרְט, ר' שְׁלֹמה אִיז אַלֵיין אַהֵיים גֶעקוּמֶען. זִי הָאט צוּ וֵויינֶען אוּנ צוּ קְלָאגֶען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט, עֶר אָבֶּער הָאט נִיט גֶעוֵויינְט אוּנ נִיט גֶעקְלָאגְט. אַזוֹי אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנ אוֹיךְ דֶער אַנְדֶערֶער שִׁבְעָת טָאג אַרִיבֶּער; נוּר אַז דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען לְכָבוֹד שַׁבָּת לִיכְט גֶעבֶּענְשְׁט אוּנ חַייעֶ'לֶע הָאט דֶערְמָאנְט אִיהרֶע אַ מָאלִינֶע יָאהרֶן: וִוי רָחֶלֶ'ע פְלֶעגְט צוּ לִיכְט בֶּענְשֶׁען אִיהרֶע שֶׁאגֶע הָאנְד אַרוֹיפְלֶעגֶען אוֹיף אִיהרֶע אוֹיגֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נָאךְ לִיכְטִיגֶער וִוי דִי לִיכְט גֶעשַׁיינְט, אוּנ אוֹיף דִי אוֹיגֶען לִיגֶען שׁוֹין אִיצְט שֶׁארְבְּלֶעךְ... אוּנ זִי לִיגְט שׁוֹין אִין קֶבֶר... הָאט עֶר פְלוּצְלוּנְג אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן: „אוּנ אִיךְ, אִיהר מַלְאָךְ הַמָּוֶת לֶעבּ נָאךְ! — אִיךְ בִּין גֶעזוּנְד, וִוי מוֹיעֶר שְׁטַארְק!... וָואס וִויל גָאט פוּן מִיר? אִיז מִיר וֶועניג מַיינֶע זִינְד? זָאל אִיךְ נָאךְ מַיינֶע שַׁבָּתִים פֶערְשְׁטֶארן?" עֶר הָאט זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ פַאנַאנְדֶער גֶעוֵויינְט אוּנ הָאט אוֹיךְ אִין טִישׁ צוּ קִדּוּשׁ גֶעוֵויינְט אוּנ וָואלְט צוּ וֵויינֶען אַ גַאנְצֶען שַׁבָּת נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט וֶוען דְבוֹרָה וָואלְט אִיהם נִיט דֶערְמָאנְט, אַז עֶס אִיז נִיט נוּר גֶעגֶען גָאט אַ זִינְד, אָבֶּער אוֹיךְ גֶעגֶען דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער. „דִי טְהֶערֶערן דַיינֶע, הָאט זִי גֶעזָאגְט, פֶערְשְׁטֶארן אִיהר הֵיילִיגֶע רוּה, וָואס ווִילְסְטוּ נָאךְ אִיצְט פוּן אִיהר? וֶועניג הָאבֶּען מִיר אִיהר פַּיין אוּנ לֵייד אִין לֶעבֶּען אָנְגֶעטְהוּן? ווִילְסְטוּ זִי אִין קֶבֶר אוֹיךְ צוּ רוּה נִיט לָאזֶען? זִי הָאט זִיךְ גֶעבִּיךְ גֶעבֶּעטֶען מֶען זָאל אִיהר חָאטְשׁ אִין קֶבֶר מְנוּחָה גֶעבֶּען אוּנ נִיט וֵויינֶען נָאךְ אִיהר... טְהוּ אִיהר צוּ לִיעבּ, ווִישׁ דַיינֶע טְהֶערֶערן אָבּ אוּנ לָאז זִיא אַ נוּטֶע בֶּעטֶערִין זַיין פַאר דִיא וָואס לֶעבֶּען נָאךְ! ..."

דִיא וֶוארְטֶער הָאבֶּען אוֹיף אִיהם גֶעווִירְקְט, עֶר הָאט צוּ וֵויינֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט. זֶעלְבִּסְט זוּנְטָאג, וֶוען מֹשֶׁה'לֶע אִיז גֶעקוּמֶען אוּנ עֶס הָאבֶּען מִיט אִיהם מִיטְגֶעוֵויינְט וֶוער עֶס אִיז נוּר אִין שְׁטוּבּ גֶעוֶועזֶן, הָאט עֶר, ר' שְׁלֹמה אֵיין טְהֶרֶער נִיט גֶעלָאזְט פַאלֶען. „זִי הָאט גֶעבֶּעטֶען נִיט וֵויינֶען נָאךְ אִיהר", הָאט עֶר זַיין אוּנגְלִיקְלִיכֶען פְלֶעמֶענִיק גֶעזָאגְט. גְרִינְגֶער וָואלְט מִיר גֶעוֶועזֶן, וֶוען זִי וָואלְט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען, דִיא שְׁוֶוערְסְטֶע תְּשׁוּבָה גֶעהמֶען אוֹיף זִיךְ פַאר מַיינֶע זִינְד גֶעגֶען אִיהר; זִי הָאט אָבֶּער נוּר נִיט וֵויינֶען גֶעבֶּעטֶען אוּנ מַיין שְׁטִילֶער וֶועהטִיג אִיז מִיר לִיעבּ ... טְהוּ אִיהר דוּ אוֹיךְ צוּ לִיעבּ, מַיין זוּהְן, וֶוויין זִיךְ אוֹיס אַ בִּיסֶעל אוּנ זַיי אַ מֶענְשׁ". אָבֶּער מֹשֶׁה'לֶען הָאט גֶעדַאכְט עֶר קָאן שׁוֹין קֵיין מֶענְשׁ נִיט זַיין אוּנ הָאט צוּ וֵויינֶען נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט. „זִי אִיז נִיטָא מֶעהר", הָאט אִיהם יֶעדֶע זַאךְ דָא אִין שְׁטֶאדְטֶעל דֶערְמָאנְט. „נִיטָא מֶעהר מַיין רָחֶלֶ'ע!" הָאט זַיין הֶערְץ גֶעשְׁרִיעֶן, „פַאר וָואס בִּין אִיךְ נָאךְ דָא?"... עֶס הָאט אִיהם דָאס הֶערְץ גֶעצוֹיגֶען חָאטְשׁ אִיהר קֶבֶר צוּ זֶעהן אוּנ קֵיינֶעם נִיט זָאגֶענְדִיג וָואהִין עֶר גֶעהט, הָאט עֶר דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִין טְהֶערֶערן אוּנ וֵויינֶען אוֹיף רָחֶלֶ'עס קֶבֶר פֶערְבְּרַאכְט. אַז עֶר אִיז פַאר נַאכְט אַהֵיים גֶעקוּמֶען אוּנ דֶעם פֶעטֶער דֶערְצֶעהלְט וואוּ עֶר אִיז גֶעוֶועזֶן, הָאט דֶער פֶעטֶער גֶעזָאגְט: דוּ הָאסְט פֶערְגֶעסֶען, מַיין זוּהְן, אַז דוּא בִּיזְט אַ כֹּהֵן אוּנ טָאהְרְסְט אוֹיף אִיהר קֶבֶר נִיט

זיין. איך בין דיר ניט חושד חלילה, אז דו האבט געוואוסט וואס דו טהוסט. אין אדם נתפס על צערו. גאט זאל דיר עס מוחל זיין!

— פערגינט מען מיר דעם איינציגען טראסט אויך ניט? האט ער מיט א ביטערן קול א געשריי געטהון, האט איהר א הערץ, ליעבער פעטער. מיר צו פערבאטען מיינע טהרערן אויף דעם קבר אויסצוגיסען וואו מיין וועלט, מיינע אלע האפנונגען רוהען? ניין, ניטא אזא מצוה אין אונזער הייליגער תורה וואס זאל א מענשען הייסען זיין הערץ אין זיך דערשטיקען! ניטא אזא געזעטץ וואס זאל די טהרערן איינהאלטען זיי זאלן זיך ניט גיסען, בעת דאס הערץ איז שוין צוריסען און קאן זיי אין זיך מעהר ניט בעהאלטען! א, האט רחמנות פעטער, זאגט אז איך מאג, גאט איז א קראנקען מוחל, איך בין איצט מעהר ווי קראנק, פעטער!

— מיין זוהן, האט ער געאנטווערט, איך האב דיא הייליגע תורה ניט מעהר געלערנט פאר דיר, דוא ווייסט דעם דין אליין, זאגען דיר אז דו מאגסט טאהר איך ניט, זאגען דיר אז טאהרסט ניט, קאן איך ניט.... ניט פיעל נאך וועל איך באנגען אהין צו קומען וואו דאס פרום קינד איז אזוי יונג אוועג... ביא גאט בעט איך, ער זאל מיך וואס פריהער אהין ברענגען; דוא אבער ביזט נאך יונג, דיין צער איז גראסער ווי מיינער און איך קאן דיר יענעם וועג ניט פערשטעלען וואהין דיין באנגענד הערץ פיהרט דיך טראסט צו זוכען...דערמאנען אבער מוז איך דיר: רחלע איז ווי א כשרה יודישע טאכטער געשטארבען אזוי וויא זיא האט וויא א פרום יודיש קינד געלעבט און איך ווייס ניט. צו קאן זיא אין איהר הייליגער רוה צופרידען זיין אז דו זאלסט מיט א זינד אויף איהר קבר קומען? געפין בעסער טראסט אין דעם וואס דוא וועסט איהר ווילען טהון א פרומער יוד צו זיין, א דין פון דער תורה הקדושה ניט צוריבערצוגעהן.

משה׳לע האט זיך אויסגעוויינט און איז שוין אויף מארגען פון דער זייט פארקאן געשטאנען און פון ווייטען. דורך ביטערע טהרערן אויף דעם קבר געקוקט וואס האט אויף אייביג זיין ליעבע רחל׳ען צוגערעקט. נאך שבעה איז פון ר׳ פנחס׳לן א טעלעגראמא אנגעקומען, חייעלע זאל תיכף אהיים פאהרן, א קינד איז ניט געזונד. זיא האט אויף איהר קינדס פרישען קבר צדקה געטהיילט, געשוואורן משה׳לען, אז זיא בלייבט איהם א מוטער און א מוהמע א געטריייע, ער זאל נור איהר צער צוזעהן און זאל איהר פלעמעניק וועלן בלייבען און איז צוריק צו איהרע קינדער געפאהרן. משה׳לע איז אבער מיט דער צושפאטער געטרייקייט ניט געטראסט געווארן און טאג און נאכט האט ער זיין וועהטיג אין הערצען און זיין טיפען טרויער ניט געקאנט פערגעסען. צו זיינעם א חבר, וועלכער האט איהם אין א בריף געטראסט אויף זיין אונגליק, האט ער מיט דיא ווארטער זיין איצטיגע לאגע בעשריבען:

האסט דיר א מאל פארגעשטעלט וואס פיהלט יענער אונגליקליכער, וועלכען מען קומט אנזאגען: זיין אורטהייל צום טוידט איז שוין אונטערגעשריבען און מארגען אין דער צייט וועט ער שוין ניט לעבען? איך האב געמיינט; ניטא אין דער וועלט וואס זאל אין מענשענס הערצען אזא פיין און אננכט אויפוועקען וויא דיא בשורה, אז דיא מינוט פון זיין טוידט איז שוין בעשטימט ... איצט, מיין פריינד, ווייס איך שוין:

עֶס אִיז נָאךְ שְׁרֶעקְלִיכֶערֶעס דָא אוּנ דָאס שְׁרֶעקְלִיכֶערֶע פִיהל אִיךְ אַלֵיין!... „מָארְגֶען וֶועסְטוּ נִיט מֶעהר לֶעבֶּען!... לִיגְט שׁוֹין נִיט אַלֵיין אִין דִיא וֶוארְטֶער טְרֶאסְט אוּנ בֶּערוּהִיגוּנְג פַאר דֶעם, וָואס הָאט שׁוֹין אִין לֶעבֶּען גָאר נִישְׁט, זֶועלְבְּסְט נִיט דִיא הָאפְנוּנְג צוּ לֶעבֶּען? „מָארְגֶען וֶועסְטוּ נִיט מֶעהר לֶעבֶּען!“ ד. ה.: מָארְגֶען וֶועסְטוּ זֶעלְבְּסְט דִיא שְׁרֶעק פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה נִיט מֶעהר פִיהלֶען!“ — וָואס אָבֶּער פִיהלְט דֶער אוּנְגֶעדְלִיךְ לִיעבֶּענְדֶער, וֶוען עֶר לוֹיפְט מִיט דֶער הָאפְנוּנְג גֶעבֶּען זַיין גֶעלִיעבְּטֶער גְלִיקְלִיךְ צוּ זַיין אוּנ מֶען בֶּעגֶעגְנֶעט אִיהם מִיט דִיא וֶוארְטֶער: „זִיא אִיז שׁוֹין נִיטָא, נִיטָא מֶעהר דַיין לִיעבֶּע רָחֵל׳ע אוֹיף דֶער לִיכְטִיגֶער וֶועלְט!“...?

מִיט דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע וֶוארְטֶער הָאט מַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶער פֶעטֶער. מִיךְ, זַיין נָאךְ מֶעהר אוּנְגְלִיקְלִיכֶען פְּלֶעמֶענִיק בֶּעגֶעגֶענְט אִין דֶער מִינוּט וָואס אִיךְ בִּין מִיט דִיא לִיעבְּסְטֶע הָאפְפֶענוּנְגֶען צוּ אִיהם אִין שְׁטוּב אַרַיין... אַךְ, אִין טוֹיזֶענְדֶער קְלָאנְלִיכֶע שְׁטִימֶען הָאבֶּען זִיךְ דִיזֶע וֶוארְטֶער צוּטְהֵיילְט אוּנ וִויא טוֹיזֶענְד גְוַואלְד גְלָאקֶען קְלִינְגֶען זַייא טָאג אוּנ נַאכְט אִין מַיינֶע אוֹיהְרֶען. וואוּ אִיךְ גֶעה, וואוּ אִיךְ זִיטְץ, וָואס אִיךְ הָאר אוּנ וָואס אִיךְ זֶעה, אַלְץ אוּנ אַלֶע שְׁרַייעֶן צוּ מִיר: „זִיא אִיז שׁוֹין נִיטָא, נִיטָא מֶעהר דַיין לִיעבֶּע רָחֵל׳ע אוֹיף דֶער לִיכְטִיגֶער וֶועלְט!“ נוּר דָאס לִיעבֶּענְד הֶערְץ מַיינְס אַלֵיין וִויל עֶס נִיט גְלוֹיבֶּען! קָאן עֶס נִיט גְלוֹיבֶּען, הָאטְשׁ עֶס זֶעהֶען שׁוֹין מַיינֶע אוֹיגֶען אִיהר יוּנְגֶען קֶבֶר, הָאטְשׁ עֶס גִיסֶען זִיךְ מַיינֶע טְהְרֶערֶען פוּן וַוייטֶען אוֹיף אִיהם קוּקֶענְדִיג!.. דָאס הֶערְץ וֶוערְט פוּן הָארְץ נִיט קְלוֹג פוּן זֶעהֶען — נִיט אִיבֶּערְצֵייגְט אוּנ עֶס בֶּאנְגְט אוּנ עֶס לַיידֶעט אוּנ צִיהט אוּנ בַּייסְט מִיךְ צוּ אִיהר קֶבֶר וִויא צוּ אַ לֶעבֶּעדִיגֶער... וואוּ זִיא אִיז, וויל מַיין הֶערְץ אוֹיךְ זַיין אוּנ בֶּעט זִיךְ חָאטְשׁ אִין אַ קַאלְטֶען שְׁטוּמֶען שְׁטֵיין פֶערְוַואנְדֶעלְט צוּ וֶוערֶען אוּנ אוֹיף אִיהר קֶבֶר חָאטְשׁ אַלְס אִיהר אֵייבִּיגֶע מַצֵּבָה צוּ בְּלֵייבֶּען... לֵיידֶער אִיז מִיר דָאס אוֹיךְ נִיט פֶערְגִינְט: אִיךְ בִּין אַ כֹּהֵן אוּנ דַארְף נוּר פוּן דֶער זַייט פַארְקָאן אוֹיף דֶעם לִיעבֶּען קֶבֶר אַרוֹיפְקוּקֶען אוּנ צוּ אִיהם נָאהֶענְט נִיט צוּטְרֶעטֶען!... אַ אַיינְגֶעבּוֹיגֶען נִידְרִיג וֶואנְדֶעטֶעל שְׁטֶעהט צְוִוישֶׁען מִיר אוּנ דֶעם בֶּארְגֶעל. וָואס הָאט מַיין וֶועלְט אוּנ לֶעבֶּען אוֹיף אֵייבִּיג צוּגֶעדֶעקְט. אַךְ, אַ צוּבְּרָאכֶען אַיינְגֶעבּוֹיגֶען וֶואנְדְטֶעל אִיז אוֹיךְ דָאס לֶעבֶּען מַיינְס גֶעוָוארֶען אוּנ וִויא בֶּעט אִיךְ גָאט. עֶר זָאל שׁוֹין אַ וִוינְדְט אַ מָאל שִׁיקֶען עֶס אַנִידֶער צוּ וַוארְפֶען אוּנ אִיךְ זָאל שׁוֹין אוֹיךְ דָארְט זַיין וואוּ אַלֶע מַיינֶע הָאפְפֶענוּנְגֶען זֶענֶען אַזוֹי גִיךְ אַוֶועק!... אוּנ וֶועמֶען וֶועל אִיךְ פֶעהלֶען אִין דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט? וָואס בֶּעטְרֶעפְט נָאךְ אַיין טְרָאפֶּען וַואסֶער פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען וֶועלְט־יַם אַרוֹיס?... שַׁיינְט הַיינְט נִיט דִיא זוּנְן, גֶעהט זִיא נִיט אוֹיף אוּנ אוּנְטֶער, אַזוֹי שֶׁאן, אַזוֹי לִיכְטִיג, וִויא אִין יֶענֶע גְלִיקְלִיכֶע טָאג, וֶוען מַיין לִיעבֶּע רָחֵל׳ע הָאט אִיהר לִיכְט נָאךְ מִיט אִיהרֶע אוֹיגֶען גֶעזוֹיגֶען? זִיא וֶועט אוֹיךְ דַאנְן אַזוֹי לִיכְטִיג שַׁיינֶען, אַזוֹי שֶׁאן אוֹיף־אוּנ אוּנְטֶער־גֶעהן. וֶוען אִיךְ וֶועל אוֹיךְ אִיהר לִיכְט מֶעהר נִיט זֶעהן; אָבֶּער מִיט וויפִיעל וֶועט מִיר דֶער פִינְסְטֶערֶער קֶבֶר לִיכְטִיגֶער זַיין אַלְס עֶס אִיז מִיר אִיצְט דִיא לִיכְטִיגֶע וֶועלְט!...

דוּא פְרֶעגְסְט מִיךְ, פְרַיינְד „וֶוער אִיז דֶער רֶבִּי, וָואס זַיין וִוילֶען הָאט אַזַא גֶעוַואלְדִיגֶע מַאכְט אוֹיף זַיינֶע חֲסִידִים?“ מַיין הֶערְץ אִיז צוּ פִיעל קְרַאנְק אִין מִיר אוּנ אִיךְ קָאן פוּן זַיין גוּטְס אוּנ פוּן זַיין שְׁלֶעכְטְס אִיצְט נִיט רֶעדֶען; אָבֶּער דָאס זָאג אִיךְ

דיר, ווייס איך, אז זיין גבאי ר׳ פנחסל איז דער איינציגער מלאך המות געוועזן פון דער אונשולדיגער הינגעשידעגע און אויך ער איז דער שד וואס האט מיר מיין וועלט אזוי פינסטער, אזוי יאמערפאל געמאכט!... אונזער היילינע תורה דערצאהלט: „עס זענען געקומען צו משה׳ן דיא פארשטעהער פון דער פאמיליע גלעד. פראגען וועמען זאלען הייראטהען צלפחד׳ס טאכטער. עס זאל דורך זיי ניט פערפרעמדט ווערן דיא פאמיליען נחלה, וואס זיי האבען פון זייער פאטער בירושה בעקומען?“ אונזער געטליכער לעהרער משה האט זיי אין נאמען נאמען געאנטווערט: „לטוב בעיניהם תהיינה לנשים“. זאלען זיי הייראטהען מיט דיא וועלכע געפאלן זיי. האבען מיר דערפון ניט אבצולערנען; אז זעלבסט נאט און זיין היילינע תורה ערקענען דיא ריינע גיינונג און פרומע ליעבע אין מענשענס הערצען? איז דען ווירקליך ניט א זינד געגען גאט, ווען עלטערן צווינגען זייער קינד פון זיינע פרומע אונשולדיגע ליעבע זיך אבצוזאגען בעת דעם קינדס הערץ וויל עס ניט און קאן עס ניט? — א אמת׳ע ליעבע תורה האסטו, משה רבינו, אונז געגעבען, אבער אונזערע רביים געדענקען זיא ניט און גאר אהן תורה זאגען זיי: „דער איז דיין בעשערטער, טאכטער! מיט ר׳ הענוך׳ס זוהן מוזטו דיינע יאהרן אויסלעבען, אדער אין דער ערד אריין אהן א צייט!“ און מיינע ברידער יודען גלויבען און זאגען: „רחלע איז נור איבער דעם געשטארבען ווייל זיא האט איהם, זאל לעבען, ניט געפאלענט!“ אמת זאגען זיי. אבער ווער איז איהר מלאך המות געוועזן?...

וויא ווערט מיין בלוט אין מיינע אדערן אין גיכט און גאלל איבערגעקאכט אז איך דערמאן וואס דא איז איהר און מיר געשעהן! מיינע פינגער קראמפפען אין א פויסט צוזאמען דעם ר׳ פנחס׳לן צו שלאגען, נקמה פון איהר מערדער. נקמה פאר איהר טוידט און פאר מיין פיינפאללען לעבען. שרייט מיין הערץ! — אך, איך בין שוין ווילד, איך האר שוין ניט וואס איך רעד. פערצייהע, פריינד, איך קאן מעהר ניט שרייבען, איך מוז פון מיין איינענעם כעס ענטלויפען; אהין, צו יענעם בארגעל מוז איך לויפען, מיין ברענענד הערץ מיט מיינע טהרערן צו לעשען!... צו מיין רחלע׳ס קבר לויף איך, וואו פרידליכע היילינע געדאנקען טראגען מיך פון דער פער־דארבענער וועלט ארויס און פיהרן מיך אוועק אהין ווייט ביז צום שאטען פון יענעם עוויגען בוים, וואו זיא רוהט, וואו זיא ווארט אויף מיר!... איצט פליסען מיינע טהרערן, איך זעה שוין מעהר דאס פאפיער ניט, דיא גאנצע וועלט איז א צושטורעמטער ים ארום מיר, א ים אהן א ברעג, אהן א גרונד, אין איהם שווימט און ברענקט זיך דיין אונגליקליכער חבר משה כהן.“

דיא צייט איז דערווייל ניט געשטאנען, עס איז אריבער א וואך נאך א וואך, קליינצער יודען האבען דיא געשטארבענע רחלען פערגעסען און יעדער האט זיין געשעפט געטהון וויא פריהער. צייטענווייז האט מען נאך דערצאהלט פון דעם פלעמעניק ר׳ שלמה׳ס, וויא ער שעמט זיך גאר גייט פאר לייטען אזוי צו ווינען און קלאגען נאך א בתולה. זיא האט געמאנט זיין אפילו א שוועכטער קינד זיינס, אבער זיא איז דאך פארט נור א בתולה געוועזן און ער איז א בחור, א בן תורה, דאכט זיך, מיין נארר אויך ניט און מאכט זיך נארריש און געהט יעדען טאג צום בית

עוֹלָם אַ קוּק טְהוּן אוֹיף רָחֶלֶ'עס קֶבֶר טָאמֶער אִיז זִיא שׁוֹין תְּחִיַּת הַמֵּתִים אוֹיפֿ-
גֶעשְׁטַאנֶען – פֶע, הָאבֶּען קְלֵיינִיצֶער יוּדֶען גֶעזָאגְט. דָאס אִיז שׁוֹין גָאר מַעֲשֵׂי הוּלְטַי
בְּתַמְנָא לְצַלָּן ! אָפְּט דֶערְמָאנְט רָחֶלֶען הָאט נוּר שִׁימֶעלֶע, ,,אַ רִיס אִין הַארְצֶען ! הָאט
עֶר שְׁטֶאנְדִיג גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט : אִיךְ הַאלְט שׁוֹין דִיא קוּה פַאר דִי הָארָנֶער
אוּנ מַיין פְּלוֹנִית מֶעלְקְט זִיא שׁוֹין, אִיךְ מֵיין טַאקִי : דִיא קוּה וָואס אִיהר מְחוּתָּן ר'
הֶענִיךְ הָאט מִיר מַבְטִיחַ גֶעוֶועזְן אַרַיינְצוּשִׁיקֶען תֵּיכֶּף נָאךְ אִיהר חֲתוּנָּה מִיט זַיין זוּהְן –
גֶעהמְט זִיא גָאר אוּנ מַאכְט אַ שְׁטַארְבּ אוּנ אוֹיס קוּה, אוֹיס מְחוּתָּן, אוֹיס נָגִיד, צוּרִיק
שִׁימֶעלֶע קַבְּצָן וִויא גֶעוֶועזְן ! ... וֶוער הָאט אִיהר גֶעהֵייסֶען שְׁטַארְבֶּען ? ווִילְסְט נִיט דֶעם
חָתָן ? וִויל נִיט, אִיז נִיט אַקוּה, אִיךְ הָאבּ בִּיז אִיצְט אוֹיךְ גֶעלֶעבְּט אָהְן אַ קוּה, אָבֶּער
אָהְן אַ גְמִילַת חֶסֶד אִיז אֶרְגֶער וִויא דֶער טוֹידְט !". נוּר דֶער אַלְטֶער פֶּעטֶער ר' שְׁלֹמֹה
אוּנ זַיין וַוייבּ דְבוֹרָה הָאבֶּען רָחֶלֶ'ען נִיט גֶעקָאנְט פֶערְגֶעסֶען אֲפִילוּ אֵיין מִינוּט אוֹיךְ
נִיט. חָאטְשׁ דְבוֹרָה פְּלֶעגְט אִיהר מַאנְן טְרֶאסְטֶען, אִיהם נִיט לָאזֶען וֵויינֶען ; אָבֶּער
אַלֵיין הָאט זִיא טַייבֶען טְהרֶערן אוֹיסְגֶעגָאסֶען וֶוען קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעזֶעהן. פַאר
שָׂרָהלֶ'עס מוּטֶער, מִיט וֶועלְכֶער זִיא אִיז צוּלִיעבּ רָחֶלֶ'עס לֶעצְטֶע טָאג שְׁטַארְק פֶערְ-
בּוּנְדֶען גֶעוָוארן, הָאט זִיא אָפְּט אִיהר בֶּעטְרִיבְּט הֶערְץ אוֹיסְגֶערֶעדְט אוּנ גֶעפְרֶעגְט :
פַאר וָואס זָאגְט דִיא וֶועלְט : ,,דָאס וָואס דִיא עֶרְד דֶעקְט צוּ וֶוערְט גִיךְ פֶערְגֶעסֶען" ?..
הָאבֶּען דֶען מַיינֶע אוֹיגֶען נִיט גֶעזֶעהן וִויא מֶען הָאט אַ בַּארְג עֶרְד אוֹיף אִיהר אָנְ-
גֶעשָׁאטֶען ? אֵיין מִינוּט אֲפִילוּ קָאן אִיךְ זִיא נִיט פֶערְגֶעסֶען אוּנ דֶער צַעַר פוּן דֶעם
עֶלֶענְדֶען מְשָׁהלֶען אִיז גָאר נִיט מִיט מֶענְשְׁלִיכֶע כֹּחוֹת אַרִיבֶּער צוּ טְרָאגֶען. ר' שְׁלֹמֹה
הָאט גֶעזוּכְט מִיט וָואס דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער רָחֶלֶען אַ נַחַת רוּחַ אָנְטְהוּן חָאטְשׁ אִין
קֶבֶר אוּנ הָאט אִיצְט מֶעהר צְדָקָה גֶעטְהֵיילְט וִויא פְרִיהֶער, עֶר הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶערוּפֶען:
פַאר שָׂרָהלֶ'עס יוּנְגֶעל רֶבִּי גֶעלְד צוּ צָאהלֶען אוּנ הָאט אוֹיךְ פַאר דִיא עֶלֶענְדֶע
יְתוֹמִימלֶעךְ, אִיהרֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ אוּנ שְׁוֶועסְטֶערל אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָארְגֶען. מִיט יֶעדֶער
גֶעלֶעגֶענְהֵייט הָאט עֶר זֵיי מַתָּנוֹת גֶעשִׁיקְט אוּנ הַייעֶלֶען אִין יֶעדֶען כְּרִיף גֶעבֶּעטֶען:
זִיא זָאל אוֹיף זֵיי אַ אָפֶּען אוֹיג הַאלְטֶען טָאג אוּנ נַאכְט ; נוּר דָאס אַלְץ הָאט נָאךְ זַיין
הֶערְץ נִיט בֶּערוּהִיגְט אוּנ עֶר הָאט גֶעזוּכְט עֶפִּיס אַ זֵיינְס צוּ טְהוּן וָואס זָאל דֶער
גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער אַ כָּבוֹד זַיין אוּנ אוֹיךְ אַ בֶּעפְרִיעֶדִיגוּנְג פַאר זַיין-אוּנ זַיין פְלֶעמֶעניקְס-
גֶעבְּרָאכֶען הֶערְץ. זִיצֶענְדִיג אַ מָאל בַּיי נַאכְט מִיט זַיין דְבוֹרָה'ן אוּנ מְשָׁהלֶען אִין
שְׁטוּמֶען טְרוֹיעֶר, הָאט עֶר מִיט אַ בֶּעגֵייסְטֶערְטֶען טָאן דֶערְצֶעהלְט, אַז פוּן דֶער קְבוּרָה
אָן אִיז עֶר עֶרְשְׁט הַיינְט, דֶעם לֶעצְטֶען טָאג פוּן שְׁלֹשִׁים, בַּיים בֵּית עוֹלָם גֶעוֶועזְן אוּנ
רָחֶלֶ'עס קֶבֶר גֶעזֶעהן. ,,אַזוֹי נָאהֶענְט אִיז דֶער קֶבֶר אִיהרֶער אָנְגֶעלֶעגְט צוּם טַאטֶענְס,
עָלָיו הַשָּׁלוֹם, הָאט עֶר דֶערְצֶעהלְט, אַז בְּעֵת מַעֲשֶׂה הָאט מִיר גֶעדַאכְט : אִיךְ זֶעה נִיט
אִיהר קֶבֶר, אָבֶּער אַ לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעה אִיךְ זִי, וִוי זִי טוּלֶעט זִיךְ צוּ אִיהר טַרַייעֶן זֵיידֶען,
וֶועלְכֶער הָאט זִי וִוי זַיין לִיעבּ קִינְד צוּ זִיךְ צוּגֶעדְרִיקְט. אִיהר מָאגְט אַייךְ זָאגֶען וָואס
אִיהר ווִילְט, מַיין הַארְץ הָאט אִין דֶער מִינוּט טְרֶאסְט אוּנ בֶּערוּהִיגוּנְג גֶעפִיהלְט. עֶפִּיס
הָאט עֶס צוּ מִיר גֶערֶעדְט : זֶעה, דַיין לִיעבֶּע רָחֶלֶ'ע אִיז דָא נִיט עֶלֶענְד, בַּיי אִיהר
לִיעבֶּען טְהַייעֶרן זֵיידֶען אִיז זִי, עֶר הָאט זִי צוּ זִיךְ צוּגֶעדְרִיקְט, זִי הָאט שׁוֹין צוּרִיק דִי
טַרַייעֶ עֶלְטֶערן, וֶועלְכֶע זִי הָאט אִין אִיהר לֶעבֶּען אַזוֹי יוּנְג פֶערְלָארְן ! ,,יָא, מַיין זוּהְן,

וֶועמֶען עֶס אִיז בֶּעשֶׁערְט יוּנְג צוּ שְׁטַארְבֶּען זָאל חָאטְשׁ אִין אַ פְרֶעמְדֶער שְׁטָאדְט נִיט פֶערְוָוארְפֶען וֶוערן אוּנ זָאל צוּ קֶבֶר יִשְׂרָאֵל קוּמֶען גֶעבֶּען דִיא קְבָרִים פוּן זַיינֶע אוּיפְ־גֶעלַייטֶערְטֶע אָבוֹת אוּנ אֵיינֶענֶער מִשְׁפָּחָה!.. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ אַ וֶועהְטִיג גֶעפִיהלְט וָואס מַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען נָאךְ אוֹיף אִיהר קֶבֶר קֵיין מַצֵּבָה נִיט גֶעזֶעהֶן. אַ קֶבֶר אָהְן אַ מַצֵּבָה אִיז גְלַייךְ: צוּ אַ גוּף אָהן אַ קָאפּ, צוּ אַ שְׁטוּבּ אָהן אַ דַאךְ... עֶפִּיס אַ עֶלֶענְדִקֵייט, אַ פֶערְלָאזֶענְקֵייט לִיגְט אוֹיף אִיהם. גְלַייךְ ווִי קֵיינֶעם קִימֶערְט נָאר נִיט דֶער טְהַייעֶרֶער גוּף וָואס דָא רוּהְט אוּנְטֶער אִיהם.... דַארִיבֶּער אִיז בַּיי מִיר טַאקִי דָארְט שְׁטֶעהֶענְדִיג גֶעבְּלִיבֶּען, נִיט אַנְדֶערְשׁ, אִיךְ מוּז, בְּלִי נֶדֶר, אִיהר אַ טְהַייעֶרֶע מַצֵּבָה שְׁטֶעלֶן, אָבֶּער אַ מַצֵּבָה, זָאג אִיךְ אַייךְ, אַ טְהַייעֶרֶע. עֶס מָאג מִיר מִי יוֹדֵעַ וִויפִיעל קָאסְטֶען אוּנ זָאל דִיא וֶועלְט זֶעהֶן אַז גוּטֶע מִדּוֹת וֶוערן נִיט פֶערְגֶעסֶן. זָאל מֶען טַאקִי אוֹיךְ דָאס ווִיסֶען, אַז אִיךְ הָאבּ מַיין שׁוּלְד גֶעגֶען אִיהר בֶּעקֶענְט אוּנ מִיר אִיז קֵיין זַאךְ נִיט צוּ שְׁוֶוער אוּנ נִיט צוּ טְהַייעֶר אִיהר אַ נַחַת רוּחַ אָנצוּטְהוּן חָאטְשׁ אִין קֶבֶר!. דִיךְ, מַיין זוּהְן, בֶּעט אִיךְ אַ שֶׁענֶע מְלִיצָה אוֹיפְשְׁרַייבֶּען. דִיר פַּאסְט טַאקִי אִיהרֶע שְׁבָחִים אוּנ מִדּוֹת טוֹבוֹת אוֹיף אִיהר מַצֵּבָה צוּ דֶערְצָאהְלֶן!

— לִיעבֶּער פֶעטֶער, הָאט מֹשֶׁהלֶע מִיט טְהרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען גֶעאֶנְטְווָערְט, נִיט אַ מַצֵּבָה אַ טְהַייעֶרֶע הָאט זִי אִין אִיהר לֶעצְטֶער שָׁעָה אִין זִינֶען גֶעהַאט; פַאר אִיהרֶע פֶערְלָאזֶענֶע בְּרִידֶערְלֶעךְ אוּנ עֶלֶענְדֶען שְׁוֶועסְטֶערל הָאט זִי טְרַייהֵייט גֶעבֶּעטֶען... אִיךְ הָאף, מֶען דַארְף אַייךְ נָאךְ אַ מָאל נִיט בֶּעטֶען פַאר זֵיי.. אַ נַחַת רוּחַ אִין קֶבֶר וֶועט אִיהר אוֹיךְ דָאס זַיין, וֶוען דִיא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען אִין אִיהר קוּרְצֶען לֶעבֶּען אִיהר חֶסֶד גֶעהַאט, וֶועלֶן זֶעלְבְּסְט נָאךְ אִיהר טוֹיְדְט דֶעם חֶסֶד נִיט פֶערְלִירֶן! אִיךְ הָאבּ הַיינְט שִׁימֶעלֶע מְלַמֵּד בֶּעגֶעגֶענְט, עֶר הָאט מִיר עֶרְצֶעהְלְט, אַז זִי הָאט אִיהְם פַאר אִיהר טוֹיְדְט מוֹחֵל גֶעוֶועזֶן, אִיצְט ווֵיינְט עֶר אוּנ קְלָאגְט נָאךְ אִיהר. פָּשׁוּט, עֶר הָאט נִיט וואוּ אַ פָּאר קָארְבְּלֶעךְ בְּגְמִילַת חֶסֶד צוּ לַייהֶען, אִיךְ בִּין אוֹיף אִיהְם בִּיז הַיינְט אַזוֹי אִין כַּעַס גֶעוֶועזֶן אַז אִיךְ וָואלְט זַיין עֶלֶענְד אוּנ אָרֶעמְקֵייט מִיט פֶערְגְנִינֶען גֶעקָאנְט צוּקוּקֶען; נָאר אִיצְט, וֶוען אִיךְ ווֵייס שׁוֹין, אַז זִי הָאט אִיהְם מוֹחֵל גֶעוֶועזֶן אוּנ הָאט מִיךְ אוֹיךְ גֶעבֶּעטֶען: אַלֶעמֶען, אַלֶעמֶען מוֹחֵל זַיין, — בִּין אִיךְ אִיהְם אוֹיךְ מוֹחֵל אוּנ בֶּעט אַייךְ: עֶס זָאל אִיהְם אִיהְר חֶסֶד אִיצְט אוֹיךְ נִיט פֶעהְלֶן. אַ מַצֵּבָה אוֹיף אִיהְר קֶבֶר דַארְף מֶען שְׁטֶעלֶן, דָאס אִיז אוּנְזֶער חוֹב, אוּנְזֶער אֵייגֶענֶער טְרֶאסְט אוּנ בֶּערוּהִיגוּנְג. אָבֶּער אִיךְ וָואלְט אוֹיךְ וֶועלֶן, אַז דֶער שְׁטֵיין זָאל קֵיין שְׁטוּמֶער שְׁטֵיין זַיין אוּנ בְּלַייבֶּען ווִי אַלֶע אַנְדֶערֶע שְׁטֵיינֶער וָואס שְׁטֶעהֶען דָארְט בַּיי יֶעדֶעם קֶבֶר! אִיךְ ווִיל: דִיא וֶוארְטֶער אוֹיף אִיהְם זָאלֶן חוּץ אִיהְרֶע שְׁבָחִים אוּנ מִדּוֹת, אוֹיךְ אִיהְר טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע דֶערְצָאהְלֶן, טָאמֶער וֶועט דִיזֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע וֶועמֶען דִיא אוֹיגֶען בֶּעצַייטֶענְס אָפֶענֶען זִיךְ אַרוּמְצוּקוּקֶען בַּיי זִיךְ אִין פַאמִילִיֶענְלֶעבֶּען אוּנ עֶר וֶועט פֶערְרִיכְטֶען דָארְט וָואס מֶען קָאן שׁוֹין דָא אוֹיף דֶעם פֶעלְד נִיט מֶעהְר!.. וואוּ נֶעהְמְט מֶען אָבֶּער אַזאַ שְׁטֵיין וָואס זָאל רֶעדֶען?! וואוּ נֶעהְמְט מֶען אַזֶעלְכֶע וֶוארְטֶער וָואס זָאלֶן אַ בְּלִינְדֶען זֶעהֶענְדִיג מַאכֶען?!

ר' שְׁלֹמֹה הָאט זַיין גֶעדַאנְקֶען פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ הָאט זִיךְ פֶערְטְרַאכְט. דְבוֹרָה אִיז

פון טיש אַוועק און איז אין אַ פּאָר מינוט צוריק צוגעקומען מיט אַ בונד אין האַנד.

— אַט דיא פּערל, האָט זי געזאָגט, דאָס בינדעלע אויפן טיש אַוועקלעגענדיג. פערקויף איך און פאַר דעם געלד וועל איך לאָזען אין גאָלדענע אותיות אויף איהר מצבה אויסשלאָגען. אַלץ וואָס דו, מיין קינד, וועסט נור אויפשרייבען! ניט פאַר נויטה חלילה, וויל איך עס פערקויפען, נאָט ברוך הוא האָט אונז ניט פערלאָזען און מיר האָבען נאָך מעהר, געלויבט איז ער, וויפיעל מיר דאַרפען; אָבער נור דערפאַר מהו איך דאָס, ווייל מיר האָבען ניט געוואוכט אונזער ציערונג ווי צו שאַטצען ביז מיר האָבען זיא פערלאָרן, וויל איך מעהר קיין אַנדער ציערונג אויך ניט!... שרייב, מיין זוהן, אַלץ וואָס דיין האַרץ הייסט דיר שרייבען, זאָלן טאַקי לייט, וואָס וועלן דיא מצבה איבערלייענען, זעהן וואָס מיר האָבען פון אונזער גוט קינד געמאַכט מיט אונזער נאַרישקייט... זאָלן זיי זיך אַ מוסר אַראָבנעהמען און איהר נאָמען צום גוטען דערמאָנען! זאָל ער דעם שטיין קויפען, דוא שרייב דיא שאָנע שבחים איהרע, מיין חלק זאָל זיין דיא גאָלדענע אותיות וואָס וועלן איהרע גאָלדענע מעלות און טרויעריגע געשיכטע דערצעהלען און מיר וועלן אַלע דריי שותפים זיין אין דעם חסד וואָס מיר מהוען איהר נאָכ'ן טויט!

אַ גאַנצע נאַכט נאָך דעם געשפּרעך איז ער פערטיפט אין זיין צימערל געזעסען און האָט אַ קינה אין ריין לשון הקודש אויפגעשריבען אין עטליכע נוסחאות, איינער ריהרענדער און טרעפענדער אַלס דער אַנדערער. ער האָט געהאָפט, אַז דיא ווערטער וועלן יעדען לעזער'ס האַרץ ריהרן; קוים אָבער איז טאָג געוואָרן און ער האָט דעם ערשטען בעקענטען יונגעמאַן דאָס אָנגעשריבענע איבערצולעזען געגעבען און יענער האָט בעוואונדערט דיא קונסט אַרבייט וואָס דא שטעקט, אָבער ניט אויף זיין פּנים און ניט אין זיין לעזען איז צו מערקען געוועזען אַז ער פיהלט האָטש אַ קליינעם טהייל פון דעם טרויער וואָס האָט זיין האַרץ געפיהלט בעת ער האָט עס געשריבען — איז ער מיט זיין מליצה בייא זיך זעהר אַראָבגעפאַלען. "ניין, האָט ער צו זיך געזאָגט, אומזיסט איז מיין אַרבייט, אומזיסט וועט דיא גוטע מוהמע איהרע פּערל פערקויפען, איך קאָן נור אין לשון הקודש איהר מצבה שרייבען און לשון הקודש פערשטעהט מען דא אַזוי ווייניג און דיא וואָס פערשטעהען, בעגרייפען אויך ניט דאָס וואָס מען מיינט. נור דאָס וואָס זייא לייענען!... ניין, ניט אַזאַ מצבה וויל איך איהר שטעלען!"

דאָס ביסעל טראָסט פון נאַכטיגען געשפּרעך האָט זיך אין גאַנצען אויסגעוועבט און אַ נייער העפטיגער פּיין האָט זיין האַרץ אין טויזענד וואונדען צעריסען. "איין פעטער האָב איך דא געהאַט וואָס האָט מיך פערשטאַנען, האָט ער צו זיך גערעדט, איז ער שוין לאַנג געשטאָרבען, איין ליעבע זעעלע האָט דא געלעבט וואָס איז מיט מיין האַרץ און זעעלע אַזוי שטאַרק פערבונדען געוועזען, איז זי שוין אויך נימאַ, פאַר וועמען אַלזאָ בלייבט מיר, אין דעם חושך איהר אַ טרויעריגע געשיכטע אין לשון הקודש זעלבסט אויף איהר מצבה צו שרייבען? ניט מיט ווערטער אין אַ לשון וואָס מיינע ברידער פערשטעהן איהם ניט, האָטש דאָס איז אייגענטליך זייער מוטער

שפראכע, זייער היילינע ליעבע שפראכע, וואס זיי מאגען אויף איהר שטאלץ זיין, ניט אין דעם לשון וויל איך מיט ווערטער אויף זיי וויקען, אבער במעשה, איך וויל טהון אונ ניט רעדען... איך מוז זיי מיט די פינגער אנווייזען ווער זענען זייערע פערפיהרער. איך מוז זיי אויף די קברים פיהרן, ווייזען זיי וויפיעל קרבנות אזעלכע אומזיסטע וויא־רהלע, ליגען דא בעגראבען, איבער וואס? איבער וועם? פעהלט ביי יודישע טאטע, מאמע דאס עדעלע טרייהייטס געפיהל פאר זייערע ליעבע קינדער? ווייגען זיי וועניג אונ קלאגען דען ניט פון טיפסטען הערצען אויף זייער אונגליק אין לעבען אדער אויף זייערע אבגעקירצטע יאהרן נאך זייער טוידט? טרייע, נוטע עלטערן זענען יודישע טאטע מאמע, ליעבע שאנע בלומען זענען זייערע קינדער. געטרייע גוטע מענשען זענען אויך אונזערע קרובים אונ נוטע פריינד; נור א שטן שטעהט אין וועג... אבער־גלויבען, פערפיהרער אונ דערגלייכען ניט גוטע ברענגענדע שלוחים מישען זיך אריין דאס נוטס מיט דיא פיס צו צוטרעטען אונ פון טרייהייט אכזריות צו מאכען!...'

געהענדיג אין אזעלכע געדאנקען האט ער א הערצרייסענדעם געשריי דערהערט. ער איז נאך דעם קול נעגאנגען ביז ער איז צוגעקומען צו א ראדעל מענשען. א ארעמער יוד איז געלעגען מיט א צעבראכענער פוס נעבען א שטיין אונ האט ביטערליך געקראכצט, ארום איהם זענען געשטאנען פיעל יודען, אנדערע האבען איהם נעהאלפען קראכצען אונ אנדערע האבען געפראגט: 'וואס איז געשעהן?' אונ מען האט דערצאהלט: דער ארעמער טראגער איז מיט א משא געגאנגען אונ האט ניט איינגעזעהען, אז א שטיין ליגט דא אין מיטען וועג, ער האט זיך פערטשעפעט, א פאלל געטהון אונ א פוס נעביך אויסגעבראכען. 'האט רחמנות יודען, האט דער אונגליקליכער געבעטען, טראגט מיך אין הקדש אוועג. רופט א דאקטאר, איך האב אין דערהיים א ווייב אונ קינדער, זיי וועלן נעביך מוזען פאר הונגער אויסגעהען!...

באטעוועט, האט רחמנות, יודען!' דיא ווערטער האבען געווירקט. מען האט דעם יודען באלד אויף דיא הענד אין הקדש אוועגגעטראגען, עטליכע זענען צום דאקטאר אוועגגעלאפען אונ איינער, א עלטערער יוד האט גענומען א טיכעל, אליין אריינגעווארפען עטליכע נילדען אונ איז צוגעגאנגען צו יעדען מיט דיא ווארטער: 'יודען רחמנים, בני רחמנים! שענקט א נדבה פאר דעם אונגליקליכען נעביך, שענקט יודען, גאט זאל אייך געזונד אונ יאהרן שענקען!' עס איז א רירענדע סצענע געוועזן צו זעהן, וויא מען האט זיך געשטויסען אונ געשטופט ארום דעם נדבה קלייבער, יעדער מיט זיינע עטליכע גראשען. מיכה'לע האט עס גוט בעטראכט; אבער אז ער האט דערזעהן, דער עולם הערבט אן זיך פאנאנדערצוגעהן, האט ער א געשריי געטהון: 'רבותי, שטעהט א ווייל, איך וויל אייך א פאר ווארטער זאגען!' אלע זענען שטעהן געבליבען, א טהייל האבען איהם מיסכטרויאיש אנגעקוקט, וויא זייא וואלטען געוואלט זאגען: 'וואס וועט אונז דער יונגער מטורף זאגען? לאם מיר הארן!'...

'ליעבע ברידער! האט ער מיט א פעסטער קלארע שטימע אנגעהויבען, פאר אונזערע אויגען האט אונזערן א ברודער דא ערסט א אונגליק געטראפען, מיר האבען זיין ביטער געשריי דערהערט זענען מיר צו איהם אלע באלד צוגעלאפען, מיר האבען זיין צובראכענע פוס דערזעהען האבען מיר איהם אויף דיא הענד אין הקדש א וועג־

געטראָגען. אויך פאר זיין אונגליקליך ווייב און קינד האָבען מיר געזאָרגט. מיר יודען זענען רחמנים בני רחמנים. מיר לאָזען קיין געפאלענעם ניט ליגען, מיר גיבען איהם א האנד און העלפען איהם אויפשטעהן, מיר רופען זיך אָב אויף יעדען ביטער געשריי מיט אלץ וואָס מיר קאָנען; פונדעסטוועגען זענען ביי אונז געפאללענע זעהר פיעל און אונגליקליכע, לפי הערך, מעהר ווי ביי איין אנדער אומה וואָס קאָן זיך מיט דעם נאָמען „רחמנים בני רחמנים" ניט אזוי ריהמען ווי מיר. פאר וואָס ברידער, איז דאָס אזוי? פון וואנען, קומט אזא טרויעריגער ווידערשפרוך אין אונזער לעבען? האָבען דען מיינע אויגען ווען געזעהן, א יוד זאָל פאלען, וואו נאָך א יוד זאָל עס צוזעהן און ניט א האנד אויסשטרעקען איהם אויפצוהעבען? האָבען דען מיינע אויהערן ווען א יודיש ביטער געשריי געהערט וואָס זאָל יודישע הערצער ניט אויפוועקען הילף צו געבען דעם, וואָס שרייט אום הילף? פאר וואָס זענען אונזערע געפאללענע אזוי פיעל און אונזערע אונגליקליכע מעהר אלס ערגעץ ביי איין אנדער אומה אין דער וועלט?

מיר דאכט: דיא אורזאכע פון דעם ווידערשפרוך ליגט נור דארין, ווייל דיא מדה טובה פון רחמנות ווערט ביי אונז געבויערען, על פי רוב, ערסט נאָך דעם געשעהענעם אונגליק: עס מוז פריהער איינער אָדער עטליכע א האנד, א פוס צו־ברעכען, עס מוז זיך א הערצרייסענד געשריי דערהערן אונזער רחמנות אין אונז אויפצוועקען. דאַן זענען מיר אָטת בערייט אלעס צו טהון דעם אונגליקליכען פון זיין אונגליק ארויסצוראטעווען; אבער וואָס קאָן רחמנות דאָרט העלפען, וואו דאָס פערלאָרענע איז שוין ניט צו געפינען און דאָס צובראָכענע ניט מעהר גאַנץ צו מאכען?... „רחמנים בני רחמנים" איז געוויס א פיינער נאָמען פאר א פאָלק וואָס קאָן זיך מיט איהם מיט רעכט בעריהמען, אָבער רחמנות מוז אויך מיט שכל און מיט חכמה זיין און דאָס פעהלט אונז ליידער!... רחמנות הייסט: א געפאללענעם אויפ־העבען און איהם אין הקדש אוועקטראָגען, חכמה און שכל אָבער לעהרנען דאָס פאלען אונמעגליך צו מאכען אלע מיטעל אנצווענדען מען זאָל ניט פאלען און אונזער רחמנות זאָל ניט נויטהיג זיין!... אונזער געטליכער משה רבינו האָט אונז יודען גוט געקענט, ער האָט געוואוסט דאָס יודיש גוט הערץ, געוואוסט, אז מיר זענען רחמנים בני רחמנים, ער האָט אָבער אונז יודען געוואָלט מאכען פאר א עם חכם ונבון, דאריבער האָט ער געהייסען מאכען א מעקה, א פארענץ אויף יעדען יודישען דאך און האָט ערקלערט: כדי דער ווירטה פונ'ם הויז זאָל ניט שולדיג זיין אויב יעמאנד וועט פון זיין דאך אראבפאלען און האָט ניט פאר נויטהיג געפונען צו דערמאָנען: דעם געפאללענעם אויפצוהעבען און איהם אין הקדש אוועקטראָגען... איידער דאָס אונגליק קומט, האָט ער אונז געהייסען אונזער רחמנות בענוטצען, עס זאָל קיין אונגליק קומען, וואָרום רחמנות נאָך דעם געשעהענעם אונגליק איז נור א ביטערער קראכץ פון א קראנקען הערצען און העלפט ניט זיך, ניט דעם אנדערן!...

ליעבע ברידער, דאַרף מען דווקא פון א דאך אראבפאלען אום שולדיג צו זיין אין דעם געפאללענעמס צובראָכען האנד אָדער פוס? איז ניט א שטיין

אִין מִיטֶען װעג נָאךְ אֶרְגֶער װיא אַ דַאךְ אָהן אַ פַּארֶענְץ ? פַאר װָאס זָאלֶען מִיר פוּן אוּנְזֶערֶע נַאסֶען דִיא שְׁטֵיינֶער נִיט צוּנֶעהמֶען. מֶען זָאל נִיט פַאלֶען מֶעהר אִיבֶּער זֵיי ? שְׁטֵיינֶער, װָאס מֶען פַאלְט אִיבֶּער זֵיי זֶענֶען דָא פִיעל אִין אוּנְזֶערֶע נַאסֶען... אַבְנֵי נֶגֶף אוּנ צוּרֵי מִכְשׁוֹל לִיגֶען אִין אוּנְזֶערֶע װֶעגֶען, נִיטָא דֶער טָאג װָאס מֶען פַאלְט נִיט אִיבֶּער זֵיי !... אִיהר זֶעהט זֵיי נִיט, װַייל נִיט אַלֶע צוּבְּרָאכֶענֶע גְלִידֶער זֶענֶען פַאר דֶעם מֶענְשֶׁענְס אוֹיגֶען אָבְּגֶעדֶעקְט. נִיט אוֹיף אַלֶע װֶעהטִיגֶען שְׁרַייט דֶער מֶענְשׁ מִיט אַזַא בִּיטֶער קוֹל, װיא דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער הָאט דָא אוֹיף זַיין צוּבְּרָאכֶען פוּס גֶעשְׁרִיעֶן... אוּנ מִיר אִיז אוֹיךְ נִיט גְרִינְג, מִיט װָארְטֶער אַלֵיין דִיא שְׁטֵיינֶער אַיךְ אָנְצוּװַייזֶען װֶעלְכֶע אִיךְ מֵיין. — נוּר דֶעם שְׁטֵיין, װָאס דֶער אָרֶעמֶער טְרֶאגֶער הָאט עֶרְסְט זַיין פוּס צוּבְּרָאכֶען זֶעהט אִיהר אַלֶע, זַייט נִיט יוֹצֵא מִיט אַייֶער רַחֲמִים אוֹיף דֶעם װָאס אִיז שׁוֹין גֶעפַאלֶען, הָאט אוֹיךְ רַחֲמָנוּת אוֹיף דִיא װָאס קָאנֶען נָאךְ פַאלֶען ! װיא לַאנְג דֶער שְׁטֵיין לִיגְט נָאךְ אִין װֶעג, זֶענֶען מִיר קֵיינֶער נִיט זִיכֶער אַז אוּנְז װֶעט אוֹיךְ נִיט טְרֶעפֶען װָאס הָאט עֶרְסְט דֶעם אָרֶעמֶען טְרֶאגֶער גֶעטְרָאפֶען. לֶעגְט אַייֶערֶע הָאנְד צוּ צוּ מַיין תַּאנְד, אַלֶע צוּזַאמֶען לָאם מִיר דֶעם שְׁטֵיין פוּן װעג צוּנֶעהמֶען כְּדֵי עֶס זָאל שׁוֹין מֶעהר אַזַא אוּנְגְלִיק נִיט גֶעשֶׁעהֶען !"

מִיט דִיא לֶעצְטֶע װָארְטֶער הָאט עֶר מִיט כֹּחַ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם שְׁטֵיין צוּ רִיהרֶען. אַלֶע װָאס זֶענֶען דָא גֶעװֶעזֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעהָאלְפֶען אוּנ אִין אֵיין הַאלְבּ שָׁעָה צַייט אִיז שׁוֹין דֶער שְׁטֵיין, עֶרְגֶעץ אִין אַזַייט אִין אַ װִינְקֶעל גֶעלֶעגֶען, װאוּ עֶר קָאן שׁוֹין קֵיינֶעם קֵיין שָׁאדֶען מַאכֶען. „אַ גְרוֹיסֶע מִצְוָה, הָאסְטוּ, משֶׁהלֶע, פֶערְדִינְט !" הָאט אִיהם יֶעדֶער מִיט דַאנְק מוֹדֶה גֶעװֶעזֶן, „מֶען דַארְף נוּר יוֹדֶען אַ גוּטֶען מָשָׁל גֶעבֶּען, דָאס יוּדִישׁ הֶערְץ אִיז נוּט גֶענוּג, מֶען דַארְף עֶס נוּר מְעוֹרֵר זַיין !" אָבֶּער משֶׁהלֶעס הֶערְץ הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט בֶּערוּהִיגְט. „אֱמֶת, פִיעל זֶענֶען אִיצְט פוּן דֶער גֶעפַאהר פְרַיי, הָאט עֶר צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט, אָבֶּער װָאס טְרֶאסְט דָאס דֶעם, װֶעלְכֶער הָאט שׁוֹין זַיין פוּס צוּבְּרָאכֶען ? יָא, עֶס מוּז אַ אוּנְגְלִיק גֶעשֶׁעהֶען אֵיידֶער מֶען קוּמְט צוּם שֵׂכֶל נָאךְ אַזַא אוּנְגְלִיק אוֹיסְצוּמַיידֶען... אַ קָרְבָּן הָאט גֶעמוּזְט דֶער אָרֶעמֶער טְרֶאגֶער זַיין פַאר קְלֵיינִיצֶער יוּדֶען... פַאר װֶעמֶען אָבֶּער אִיז רָחֵלֶע אַלְס קָרְבָּן פוּן דֶער װֶעלְט אַװֶעג ? װֶער װֶעט יֶענֶעם שְׁטֵיין צוּנֶעהמֶען, אִיבֶּער װֶעלְכֶען מִיר אַלֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען ?... צוּגֶעדֶעקְט הָאט זִיא דֶער קֶבֶר, אַיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען הָאט דִיא עֶרְד אוֹיךְ דִיא טְהָרֶען אוּנְזֶערֶע. װֶער װֶעט זִיא דֶערְמָאנֶען ? זָאל מַיין הֶערְץ אוֹיךְ אַזוֹי גִיךְ גֶעטְרֶאסְט װֶערֶען װיא גִיךְ אִיהר שְׁטִילֶער קֶבֶר אִיז פֶערְגֶעסֶען גֶעװָארֶן ? נֵיין ! אֵייבִּיג װֶעל אִיךְ אִיהרֶע לִיעבֶּע, אִיהרֶע לַיידֶען נִיט פֶערְגֶעסֶען !... נוּר דַאן זָאל מַיין הֶערְץ גֶעטְרֶאסְט זַיין, װֶען אִיךְ װֶעל אוֹיךְ דֶעם שְׁטֵיין פוּן װעג צוּנֶעהמֶען !...

פוּן דֶער מִינוּט אָן אִיז אִיהם דֶער גֶעדַאנְק פוּן זִינֶען נִיט אַרוֹיס אוּנ אַז דֶער פֶעטֶער הָאט אִיהם אַ מָאל גֶעפְרֶעגְט, צוּ הָאט עֶר שׁוֹין דִיא מְלִיצָה אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען װָאס זָאל אוֹיף אִיהר מַצֵּבָה אוֹיסְגֶעקְרִיצְט זַיין ? הָאט עֶר מִיט אַ בֶּעגֵייסְטֶערְטֶער שְׁטִימֶע גֶעאֶנְטְװֶערְט : אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ הָאבּ צוּרִיסֶען װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיבֶּען — שְׁטוּם װיא דֶער שְׁטֵיין װֶעלֶען אוֹיךְ דִיא װָארְטֶער אוֹיף אִיהם זַיין אוּנ װֶעלֶען נִיט דֶערְצֶעהלֶען, דָאס װָאס אִיךְ װִיל דֶערְצֶעהלֶען.

– קאנסטו נית אזעלכע ווארטער געפינען, וואס זאלען אפילו א שטיין רידרען? האט דער פעטער געפרעגט. דוא האסט דאך א מאל לשון הקודש געשריבען אז מען האט זיך געחדושט, האסטו דען צוליעב דיא נייע לשונות וועלכעס דו לערנסט, דאס טהייער לשון פון אונזערע היילינע נביאים פערגעסען?

– נית איך, פעטער, האב אונזער איינציגע ליעבע שפראכע פערגעסען! האט ער מיט א זיפץ געאנטווערט, נית דער, וואס האט זיא א מאל ערקענט – קאן זיא פערגעסען; אבער מיינע ברידער האבען זייער מוטער שפראכע פערלאזען!... מיט דעמזעלבען טעם וואס זיי לעזען אלע מצבות, וועלן זייא אויך מיינע ווארטער אויף איהר מצבה לעזען. – פעטער, דאס פאלק וואס גלויבט, אז מיט צעהן ווארטער האט גאט זיין וועלט בעשאפען, וואס האט פריהער פאר אלע נאציאנען אין דער וועלט די אייביגע עשרת הדברות געהערט אונ געאנטווערט: נעשה ונשמע! דאס פאלק, וואס האט זיינע נביאים רעדענדיג אונ זיינע חכמים דרשנ'נדיג געהערט, דאס פאלק האט פון צייט אונ צרות אלע אכטונג אונ רעספעקט פערלארן צו ווארטער אליין. ניין, נית אזא מצבה וויל איך אויף אונזער הרוגים קבר שטעלען.... גאט אליין האט מיר היינט דעם שטיין אנגעוויזען, וועלכער זאל איהר מצבה זיין.

ער האט איהם דאס אונגליק פון דעם ארעמען טראגער דערצאהלט.

– איך פערשטעה שוין, וועלכען שטיין דוא מיינסט איהר א מצבה צו שטעלן, האט דער פעטער אויסגעזיפצט, אבער צו שווער איז ער, צו וועניג זענען דיא כחות ביינע איהם בייצוקומען... גאט זאל דיר פאר דיין גוטער מחשבה בעצאהלען!...

– פעטער, האט משה'לע זיך אבגערופען, פאר וואס זאלט איהר זאגען: צו וועניג זענען די כחות מיינע? מיט מיינע כחות אליין האב איך זעלבסט דעם שטיין פון וועג נית אבגערוימט! רחמנים בני רחמנים, וועלכע האבען דאס אונגליק מיט זייערע אויגען געזעהן, האבען מיר זייער כח אונ זייערע האנד געליהען אונ אלע צוזאמען האבען מיר איהם בייגעקומען. א, איך גלויב אין דאס גוט הערץ פון מיינע ברידער יודען, א יוד קאן יענעמ'ס אונגליק נית צוזעהען אונ דעם אונגליקליכען נית וועלן העלפען, א יוד קאן א ביטער געשריי נית הערן אונ גלייכגילטיג בלייבען צו דעם וואס שרייט אזוי פון זיינע שמערצען; מען ברויך נור יודען זייערע וואונדען אנווייזען, מען ברויך נור זיי אויף יענעמס פעלד ארויספיהרן, זיי זאלען אליין זעהן וויפיעל ליבע קינדער ליגען דארט אונטער דיא בארגלעך, וויא בלימעלעך אבגעריסענע אהן א צייט... צו טהרערן מוז איך זיי ברע...ען, נית נור דיא טהויערן פון הימעל זענען אפען אונשולדיג פערגאסענע טהרערן דורכצולאזען, אויך אונזערע הערצער זענען נאך פאר זיי נית פערשלאסען!...

– מיט וואס אונ וויא וועסטו עס אנהעבען, מיין ליעבער זוהן?

– פעטער, איך האב ביז איצט אונזער תורה געלערנט, אבער נור מיט פער-מאכטע אויגען האב איך זיא געלערנט, איך האב געוואוכט וואס אין דער נברא טהוט זיך אונ וואס עס טהוט זיך אין דער וועלט האב איך נית געוואוסט; איצט וויל איך דיזעלבע תורה מיט אפענע אויגען לערנען, דאס לעבען פון מיין פאלק אויס-שטודירן, זיינע וואונדען אונ זייערע סבות ערקענען. איך האף: דיא תורה אליין וועט

מִיר דִיא מִיטֶעל וַוייזֶען מִיט וָואס דִיזֶע וואוּנְדֶען צוּ הֵיילֶען... זָארְגְט נִיט, פֶּעטֶער לִיעבֶּער, נִיט מִיט שְׁטוּרֶעם, נִיט מִיט מִלְחָמָה, מֵיין אִיךְ עֶס צוּ טְהוּן, נוּר מִיט לִיכְט אוּנ אוֹיפְקְלֶערוּנְג. קֵיין מִיה וֶועט מִיר נִיט צוּ שְׁוֶוער [illegible]יין, קֵיין צַייט נִיט צוּ לַאנְג — בִּיז אִיךְ וֶועל עֶס עֶרְרֵייכֶען!

— אוּנ בִּיז יֶענֶער צַייט זָאל אִיהר קֶבֶר אָהן אַ מַצֵבָה בְּלַייבֶען? הָאט ר׳ שְׁלמה זֶעהר בֶּעטְרִיבְּט גֶעפְרֶעגְט.

— בִּיז יֶענֶער צַייט זָאל דָאס צוּבְּרָאכֶען הֶערְץ אִין מִיר אִיהר מַצֵבָה זַיין! הָאט עֶר מִיט טְהרֶערֶן גֶעאֶנְטְוֶוערְט. פֶּעטֶער, אִיךְ הָאבּ מִיר אָפְט גֶעוואוּנְשֶׁען אִין אַ שְׁטוּמֶען שְׁטֵיין פֶערְוַואנְדֶעלְט צוּ וֶוערֶן אוּנ אוֹיף אִיהר קֶבֶר אַלְס אִיהר אֵייבִּיגֶע מַצֵבָה צוּ בְּלַייבֶען; אַךְ, מֵיין שֵׂכֶל אִיז אִין מַיין טְרוֹיעֶר וִויא אִין אַ יַם אַ טִיפֶען דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוֶועזֶען אוּנ דָאס הֶערְץ [illegible]ט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס עֶס וִויל... נִיט אַ מַצֵבָה אַ שְׁטוּמֶע אוּנ אַ טוֹידְטֶע וִויל אִיךְ פוּן אִיצְט אוֹיף אִיהר קֶבֶר זַיין, אָבֶּער אַ מַצֵבָה אַ לֶעבֶּעדִיגֶע, אַ מַצֵבָה, וָואס קָאן נָאךְ אַ יוּדִישׁ הֶערְץ בֶּעוֶועגֶען דֶעם קֶבֶר דָא צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען אוּנ זַיינֶע גְרָאבֶּער דָא עֶרְקֶענֶען.. אִיךְ בֶּעט אַייךְ, שְׁטֶעלְט אִיהר קֵיין מַצֵבָה, קֵיין שְׁטֵיין, זָאל דֶער שְׁטֵיין אוֹיף מַיין פֶערְוואוּנְדֶעטֶען הֶערְצֶען לִיגֶען, זָאל עֶר מִיךְ דְרִיקֶען אִיךְ זָאל אֵיין מִינוּט נִיט פֶערְגֶעסֶען, אַז דִיא מַצֵבָה מוּז אִיךְ, נוּר אִיךְ אִיהר שְׁטֶעלְלֶן!...

---

פוּן יֶענֶעם אָבֶּענְד אָן זֶענֶען שׁוֹין אַ סַךְ טָאג אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אַ סַךְ וַואסֶער אַוועֶג־גֶ[illegible]וואוּמֶען, מֹשֶׁהלֶע אִיז שׁוֹין לַאנְג אִין אוֹיסְלַאנְד וואוּ עֶר שְׁטוּדִירְט אוּנ אִין קְלֵיינִיץ דֶערְמָאנְט אִיהם שׁוֹין קֵיינֶער נִיט; מֶען חִדוּשְׁט זִיךְ נוּר, וָואס דֶער אַלְטֶער ר׳ שְׁלמה הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּם רֶבִּין צוּ פָאהרֶען אוּנ שִׁיקְט אִיהם קֵיין פִּדְיוֹן אֲפִילוּ אֵיינְמָאל אִין יָאהְר אוֹיךְ נִיט... אוּנ בֶּאֱמֶת אִיז דֶער חִדוּשׁ גְרוֹיס: וִויא וֶוערְט דָאס אַ אַלְטֶער יוּד פְּלוּצְלוּנְג אַ מִתְנַגֵד גָמוּר אוּנ נֶעהְמְט אֲפִילוּ צוּ אַ יָאהְרְצַייט קֵיין קָאפּ מַשְׁקֶה אִין מוֹיל נִיט?... נוּר דֶער אַלְמָנָה שָׂרָהלֶען, זָאגְט מֶען, הָאט עֶר נִיט פֶערְגֶעסֶען אוּנ הֶעלְפְט אִיהר מִיט אַ גְמִילוּת חֶסֶד, צָאהלְט פַאר אִיהר יוּנְגֶעל רֶבִּי גֶעלְד אוּנ פֶערְהֶערְט דָאס קִינְד יֶעדֶען שַׁבָּת. דְבוֹרָה, זָאגְט מֶען, אִיז צוּם קִינְד נָאךְ בֶּעסֶער אוּנ בְּרֶענְגְט אִיהם אָפְט אַ גוּטֶען בִּיסֶען אִין חֶדֶר אַריין, עֶס זָאל כֹּחַ הָאבֶּען צוּ לֶערְנֶען. אוּנ דָאס קִינְד וָואלְט טַאקִי אַרוֹיסוואַכְסֶען אַ לַייט, זָאגְט שִׁימֶעלֶע, וֶוען אִיךְ וָואלְט מִיט אִיהם גֶעלֶערְנְט אוּנ נִיט דֶער צֶלֶם קָאפּ, דֶער פָאהַאנֶער לִיטְוַואק, זָאל אִיהם קֵיין גוּטֶער יוּד נִיט קֶענֶען, וִויא אִיךְ קָאן אִיבֶּער אִיהם אַ פַּרְשָׁה חוּמָשׁ נִיט פֶערְטַייטְשֶׁען!..." אוּנ שִׁימֶעלֶע אִיז צוּרִיק אַ קַבְּצָן גָאר וִויא אִין דִיא אַלְטֶע יָאהרֶען; אֲפִילוּ דִיא צִיעג זַיינֶע, זָאגְט מֶען, אִיז שׁוֹין אוֹיךְ נִסְתַּלְקָה גֶעוָוארֶן, פָּשׁוּט, וַוייל דֶעם רֶבִּינְס זָאל לֶעבֶּען בְּרָכָה, הָאט זִיךְ אָבְּגֶעטְהוּן פוּן אִיהר בַּעַל הַבַּיִת, פוּן יֶענֶעם טָאג אָן, וָואס חַייֶעלֶע הָאט אִיהר חֵן־חֵן אִין רֶבִּי פִּנְחָס׳לְס אוֹיגֶען, חֵן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן רֶבִּינְ׳ס גַאנְצֶער פַאמִילְיֶע־פֶערְלָארֶן, אוּנ פֶערְלָארֶן דֶעם חֵן הָאט זִיא נוּר צוּלִיעבּ דֶעם, וָואס זִיא וַויינְט אוּנ קְלָאגְט נָאךְ אִיהר טָאכְטֶער, וֶועלְכֶע הָאט גֶעגֶען אִיהם זָאל לֶעבֶּען אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעזִינְדִיגְט, אַז דִי בֶּעסְטֶע רְפוּאָה אִיז פַאר אִיהר דֶער טוֹידְט גֶעוֶועזֶן, אוּנ וַוייל חַייֶעלֶע אִיז נִיט קְלוּג אוּנ פֶערְשְׁטֶעהט נִיט, אַז זִיא דַארְף

זִיךְ אַדְרַבָּה פְרֶאהעֶן, וָואס עֶר זָאל לֶעבֶּען הָאט זִיא פוּן גְרֶעסֶערֶע בְּזִיוֹנוֹת, פוּן אַ אֵיידִים אַ חַקְרָן, אַ גֶעשְׁטוּדִירְטֶען, בַּחֲבָנָא לִצְלָן, מַצִּיל גֶעוֶועזֶען; אוּנ זִיא וֵויינְט גָאר בַּארוּיף, הָאט זִיא טַאקִי אַ פִינְסְטֶערֶע בִּיטֶערֶע מַעֲרָכָה וִויא זִיא אִיז וֶוערְטְה...

וָואס הֶארְט מֶען פוּן מֹשֶׁה'לֶען? גֶעדֶענְקְט עֶר נָאךְ וָואס עֶר הָאט זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען? בַּארוּיף אִיז נָאךְ קֵיין קְלָארֶע יְדִיעָה נִיטָא; נוּר דָאס אִיז קְלָאר אוּנ גֶעוִויס, אַז יֶענֶער שְׁטֵיין, אִיבֶּער וֶועלְכֶען עֶר אִיז אַיין קְלֵיינִיךְ גֶעפַאלֶען אוּנ הָאט זַיין הֶערְץ צוּבְּרָאכֶען, לִיגְט נָאךְ רוּהִיג אוּנ זִיכֶער אוֹיף זַיין אָרְט, אוּנ חָאטְשׁ עֶס אִיז דָאס יָאהר אוּנ דֶער חֹדֶשׁ נִיטָא, וָואס מֶען פַאלְט נִיט וִוידֶער אִיבֶּער אִיהם אוּנ מֶען צוּבְּרֶעכְט אַ הֶערְץ, אוֹיךְ אַ הַאנְד אַ פוּס אוּנ אָפְט טַאקִי לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען, אוּנ הָאטְשׁ קְלֵיינִיצֶער יוּדֶען זֶענֶען אוֹיךְ רַחֲמָנִים בְּנֵי רַחֲמָנִים, פּוּנְקְט וִוי אַלֶע יוּדֶען פוּן אַלֶע שְׁטֶעדְט – פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען קוּמְט קֵיינֶעם אוֹיפ'ן זִינֶען נִיט אַרוֹיף, אַז עֶס אִיז שׁוֹין צַייט אוּנ אַ יוֹשֶׁר אוֹיךְ, אִיהם פוּן וֶועג אָבּ־צוּרוּימֶען... אוּנ מֶען פַאלְט, אוּנ מֶען וֶועט נָאךְ פַאלֶען וִויא מֶען אִיז שׁוֹין גֶעפַאלֶען אוּנ נוּר יֶענֶעם, טְהוּט וֶועה, וֶוער עֶס צוּבְּרֶעכְט אַ הַאנְד אַ פוּס, אוּנ נָאךְ בִּיטֶערֶער אִיז יֶענֶעם וָואס צוּבְּרֶעכְט זַיין הֶערְץ אוֹיף אִיהם אוּנ קָאן נָאךְ זַיין פַאלְלֶן זִיךְ נִיט מֶעהְר אוֹיפְהֶעבֶּען...

אוּנ דָארְט, אוֹיף קְלֵיינִיצֶער פֶערְוָואהְרְלָאזְטֶען בֵּית עוֹלָם אִיז שׁוֹין אוֹיף רָחֵל'ס יוּנְגֶען קֶבֶר דֶער קַאלְטֶער שְׁנֵיי אַ צַייט גֶעלֶעגֶען אוּנ צוּגַאנְגֶען גֶעוָוארֶן, עֶס הָאבֶּען שׁוֹין אוֹיף אִיהם אוֹיךְ בְּלִימֶעלֶעךְ גֶעבְּלִיהְט אוּנ אָבְּגֶעבְּלִיהְט... בְּלֶעטֶעלֶעךְ גֶעוַואכְסֶען אוּנ פֶערְוֶועלְקְט גֶעוָוארֶן... אִיצְט בְּלָאזְט שׁוֹין וִוידֶער דֶער אוּנְפְרַיינְדְלִיכֶער הֶערְבְּסְט וִוינְד אוּנ בּוֹיגְט אוּנ וִויעֶגְט דִיא לַאנְגֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע בֵּית־עוֹלָם גְרָאז אוֹיף אִיהם, וִויא אוֹיף אַלֶע קְבָרִים; נוּר אַ מַצֵּבָה אִיז נָאךְ אַלְץ נִיטָא אוֹיף אִיהם, וַוייל יֶ ע נֶ ע ר שְׁ טֵ י י ן, וָואס זָאל אַמָאל דִיא מַצֵּבָה זַיין – לִיגְט נָאךְ דָארְט, וואו עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען אוּנ קְלֵיינִיצֶער יוּדֶען דֶערְצֶעהלֶען נוּר דִיא וואוּנְדֶער וִויא עֶר וַואכְסְט, וִויא עֶר וֶוערְט גְרֶעסֶער אוּנ שְׁוֶוערֶער, פוּן אָרְט אִיהם צוּ רִיהְרֶען, פוּן יָאהר צוּ יָאהר....

---

## ענדע

עֶמִיל זָאלַא

# פַּארִיזְש

איבערזעצט פון פראנצאָזישען דורך

י. ת. זאגאראדסקי

פערלאַג „פראגרעסס" ווארשא, נאלעווקי 36

ПАРИЖЪ
романъ Эмиля Золя

ВАРШАВА, 1898.

Тип. М. И. Гальтера и М. Айзенштадта.

# פאָררעדע.

עמיל זאָלאַ אַלס עדלער מענש, וואָס האַלט מלחמה פאַר דער וואַרהייט אונ מענשליכקייט — איז ביי אונזער פובליקום שוין גענוג בעקאַנט דורך דרייפוסעס פּראָצעס. יעדער יוד ווייס, ווי עמיל זאָלאַ האָט איינגעשטעלט זיין לעבען, ריזיקירט מיט דער נשמה, אונ אַרויסגעטראָטטען אָפּפענטליך פאַר דער גאַנצער וועלט, זיך אָנגענעהמען פאַר'ן יודישען אומגליקליכען קאַפּיטאַן, וואָס איז אומזאָנסט פאַרשיקט געוואָרען אויפ'ן טייוועלס אינזעל. נאָר עמיל זאָלאַ אַלס שרייבער, אַלס מענשענקעננער, אַלס קינסטלער, איז אונז גאַנץ פרעמד. ביז יעצט איז פון זיינע ווערק, וואָס זיינען איבערזעצט אין אַללע לעבענדיגע שפּראַכען, אויף אונזער זאַרגאָן קיין איינציגעס ניט איבערזעצט געוואָרען. אונזער פובליקום ווייס נאָר ניט, פאַר וואָס האָט זוכה געווען עמיל זאָלאַ צו זיין אַזוי גרויס אין דער גאַנצער וועלט, ביי אַללע געבילדעטע פעלקער. אונ פאַר וואָס דווקא ווען ער האָט זיך אָנגענומען פאַר'ן יודישען קאַפּיטאַן, האָט עס געמאַכט אַזא גרויסען איינדרוק אין פראַנקרייך ווי אין אַללע טהיילען וועלט

אום צו ווייזען אונזער פובליקום ווער דער שרייבער עמיל זאָלאַ איז, אונ די הויפּט־זאַכע: צו בערייכערן אונזער אָרימע זאַרגאָנישע ליטעראַטור מיט ווירקליך גוטע ביכער, האָבען מיר פאָרגענומען איבערזעצען די בעסטע ראָמאַנען פון עמיל זאָלאַ. די לעזער וועלען זעהן, אַז דאָס זיינען ניט קיין געוואָהנליכע אויסגעטראַכטע מעשיות, וועלכע זיינען ניט געשטויגען אונ ניט געפלויגען, נאָר וואַהרע בילדער פון לעבען, קינסטליכע כאַראַקטעריסטיק פון פערלעריי קלאַססען מענשען, בעשרייבונגען אונ שילדערונגען וואָס זיינען אַזוי גבט, אַזוי גענוי אונ אַזוי מייסטערהאַפט, אַז לעזענדיג גלויבען מיר, מיר

זֶעהֶען אַלְלֶעס מִיט דִי אוֹיגֶען, מִיר זִיצֶען בַּיי זַיינֶע הֶעלְדֶען אִין הַארְצֶען או
טַאפֶּען־אָן אַלְלֶע זַייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, אַלְלֶע זַייעֶרֶע גֶעפִיהלֶען.

דָאס עֶרְשְׁטֶע גִיבֶּען מִיר אוּנְזֶער פּוּבְּלִיקוּם דֶעם לֶעצְטֶען רָאמַאן עֶמִיל
זָאלַא׳ס: פַּארִיז. וִוי וַוייט דֶער רָאמַאן הָאט גֶעמַאכְט אַ רוֹשֶׁם אִין
פְרַאנְקְרֵייךְ אַלֵיין, זֶעהֶען מִיר דֶערְפוּן, אַז אִיז דִי עֶרְשְׁטֶע דְרַיי טָאג, בַּאלְד וִוי עֶר
אִיז אַרוֹיס פוּן דְרוּק, זַיינֶען פוּן אִיהם פַארְקוֹיפְט גֶעוָוארֶען מֶעהר וִוי אַ פִּיעֶרְטֶעל
מִילְיָאן עֶקְזֶעמְפְּלַארֶען – אָבְּווָאהל דָאס אִיז אוֹיסְגֶעקוּמֶען אִין דֶער עֶרְגְסְטֶער
צַייט, וֶוען זָאלַא הָאט גֶעהַאלְטֶען סַאמֶע אִין בְּרֶען, אִין דֶער מִיטְט מִלְחָמָה
פַאר דְרֵייפוּסֶען, אוּנ דִי אַנְטִיסֶעמִיטִישֶׁע צַייטוּנְגֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעמַאכְט מִיט
דֶער בְּלָאטֶע גְלַייךְ אוּנ דָאס פֶעבֶּעל פוּן פַּארִיז הָאט אִיהם גֶעוָואלְט הַרְגֶה׳נֶען
אוֹיף דֶער גַאס אִין מִיטְטֶען הֶעלְלֶען טָאג. – בַּיי אוּנז אִין רוּסְלַאנְד הָאט זִיךְ
דֶער רָאמַאן אָפְּגֶעדְרוּקְט אִין מַאסְסֶען רוּסִישֶׁע אִיבֶּערְזֶעצוּנְגֶען, כִּמְעַט אַלֶע
זוּרְנַאלֶען אוּנ צַייטוּנְגֶען הָאבֶּען אִיהם אוֹיפְגֶעהַאפְּט וִוי אַ אֶבֶן־טוֹב.

נָאךְ דֶעם רָאמַאן „פַּארִיז“ וֶועלֶען מִיר גֶעבֶּען אַ גַאנְצֶע סֶדְרָה פוּן אַנְדֶערֶע
זָאלַאס רָאמַאנֶען, פַאר וֶועלְכֶע אוּנְזֶערֶע לֶעזֶער וֶועלֶען אוּנְז זִיכֶער דַאנְקְבַּאר
זַיין.

ווארשא.

דער איבערזעטצער.



# עֶרְשְׁטֶער טְהֵייל.

## I.

דֶער זֵיינֶער אִיז נָאךְ גֶעוֶועןן פַאר אַכְט אִין דֶער פְרִיה, וֶוען דֶער נַייסְטְלִיכֶער פֶּיֶער פְּרָאמַאן אִיז גֶענַאנְגֶען אִין קִירְכֶע אוֹיף'ן בַּארְג פוּן פַּארִיזֶער פָארְשְׁטַאדְט מָאנְמַארְטְר, וואוּ עֶר הָאט הַיינְט בֶּעדַארְפְט מַאכֶען דָאס מָארְגֶען-גֶעבֶּעט. בַּיים טְהִיר פוּן קִירְכֶע אִיז עֶר אַ וַויילֶע שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען, הָאט אוּמְגֶעדְרֶעהט דֶעם קָאפּ אוּנ גֶעוָוארְפֶען אַ בְּלִיק אוֹיף פַּארִיז, וָואס אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אוּנְטֶער זַיינֶע פִּיס ווִי אַ יַם, אָהְן אַ בְּרֶעג אוּנ אָהְן אַ סוֹף.

צְווֵיי מָאנַאט אִיז אִין פַּארִיז גֶעוֶוען שְׁטַארְקֶע פְרָאסְט מִיט שְׁנֶעע. יֶעצְט, עֶנְדֶע פֶּעבְּרוּאַר, הָאט דֶער פְרָאסְט נָאכְגֶעלָאזְט, דָאס וֶועטֶער אִיז גֶעוָוארֶען לִינְדֶער אוּנ דִי שְׁטָאדְט הָאט דַאדוּרְךְ אוֹיסְגֶעזֶעהן ווִי אוּמֶעדִיג אוּנ פַארְפִינְסְטֶערְט. דֶער בְּלֵייעֶנֶער הִימְמֶעל אִיז גֶעוֶוען אִינְגַאנְצֶען פַארְצוֹיגֶען מִיט אַ גֶעדִיכְטֶען נֶעפֶּעל. דִי גַאנְצֶע מִזְרַח זַייט פוּן פַּארִיז, וואוּ עֶס זַיינֶען פוּל פַאבְּרִיקֶען אוּנ עֶס וָואהנֶען סַאמֶע אַרְבֵּייטֶער אוּנ אָרִימֶע לַייט, אִיז גֶעוֶוען אִין גַאנְצֶען פַארְדֶעקְט, אַיינְגֶעווִיקֶעלְט אִין אַ גֶעלְבְּלִיכֶען רוֹיךְ וָואס הָאט גֶעזֶעצְט פוּן דִי הוֹיכֶע שְׁוַוארְצֶע קוֹימֶענְס. אִין מַעֲרָב זַייט, דֶער רַייכֶער אוּנ פְּרֶעהְלִיכֶער טְהֵייל פוּן שְׁטָאדְט, מִיט דִי בְּרֵייטֶע גַאסֶען אוּנ בּוּלְוַוארֶען, הָאט דֶער טוּמַאן אָנְגֶעהֵייבֶּען שִׁיטֶערֶער וֶוערֶען אוּנ אוֹיסְגֶעזֶעהן ווִי אַ דִינֶער דַאמְפְף וָואס שְׁטֶעהט אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ אוֹיף אַיין אָרְט.

דוּרְכ'ן טוּמַאן הָאט דָאס אוֹיג נִיט גֶעקֶענְט זֶעהן וַוייט אַרוּם. דִי הַייזֶער הָאבֶּען אוֹיסְגֶעווִיזֶען ווִי גְרוֹיסֶע הוֹיפֶען שְׁטֵיינֶער, אוֹיסְגֶעמִישְׁט מִיט קְלֵיינֶע בְּלָאטִיגֶע טַייכְלִיךְ; דִי גַאסֶען הָאבֶּען אוֹיסְגֶעזֶעהן שְׁוַוארְץ, פֶערְרוּסְט. דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט אִיז הַיינְטִיגֶען פְרִיהמָארְגֶען גֶעוֶוען ווִי פֶערְשְׁלֵייעֶרְט, פֶערְבָּארְגֶען. דֶער גֶעדִיכְטֶער טוּמַאן הָאט זִי כִּמְעַט אִין גַאנְצֶען פַארְווִיקֶעלְט, בֶּעהַאלְטֶען, גְלַייךְ זִי וָואלְט גֶעלֶעגֶען פַארְגְרָאבֶּען אוּנְטֶער אַשׁ נָאךְ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׂרֵפָה; גְלַייךְ ווִי אַיין הֶעלְפְט אִיז אַיינְגֶעפַאלֶען פוּן דֶער גְרוֹיסֶער מַשָׂא עֶלֶענְד, נוֹיט אוּנ שֶׁאנְדְלִיכְקֵייט וָואס אִין אִיהר קוּמְט פָאר.

אוּמֶעדִיג אוּנ בְּלַאס אִיז פֶּיֶער פְּרָאמַאן גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ ווִי פֶערְטְרַאכְט גֶעקוּקְט אוֹיף דֶער שְׁטָאדְט. נָאר פְּלוּצְלִינְג הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט. פוּן הִינְטֶען אִיז

צוגענאַנגען אַ גרויער מאַן, אויך אָנגעטהון ווי אַ גייסטליכער. און האָט איהם אָנגעריהרט ביים האַנד.

— ענדליך, מיין זוהן, האָב איך אייך געטראָפען — האָט דער אַלטער געזאָגט — איך האָב צו אייך אַ בקשה.

דער אַלטער האָט אויסגעזעהן ווי אומרוהיג און פאַרזאָרגט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען, אויב ס'איז ניטאָ קיין פרעמדער מענש, און אָבוואָהל אויסער זיי ביידען איז ניט געווען קיין לעבענדיגער נפש, האָט ער זיך נאָך אַלץ ניט בערוהיגט: ער האָט אָבגערופען פּיער'ן אָן אַ זייט און ערשט דאַמאָלס אָנגעהויבען ווייטער רעדען:

— מיין בקשה בעשטעהט אין דעם: מען האָט מיר צווויסען געגעבען פון אַ אָרימאַן, וואָס איז פריהער געווען אַ מאַלער און יעצט איז ער שוין אַלט, אַזיעבציג־יאָהריגער. עס פאַרשטעהט זיך אַז ער קען שוין מעהר ניט אַרבייטען און שטאַרבט פאַר הונגער ערגיץ אין אַ ווינקעל אויף דער סאָל גאַס. מיר איז אַרויף אויף די געדאַנקען בעטען אייך, מיין טהייערער, פּיעלייכט ווילט איהר אַזוי פריינדליך זיין און איהם אַוועקטראָגען אָט די דריי פראַנק, ער זאָל האָבען עטליכע טאָג אויף ברויט.

— פאַר וואָס ווילט איהר, הערר ראַ, ניט געהן און איהם אַליין אָפּגעבען אייער נדבה?

— איך? ניין, ניין! איך האָב שוין געהאַט גענוג פאַרווירפע דערפאַר. איהר ווייסט דאָך ווי מען היטט מיך היינט און איך וועל חאַפּען אַ פּסק אַז מען וועט זיך דערוויסען ווי איך שטיץ אַ מענשען וואָס איך זעלבסט קען איהם ניט גוט... אמת, איך האָב געמוזט פערקויפען עטליכע קליינינגקייטען, צוזאַמענקלאַפּען די דריי פראַנק... איך בעט אייך, מיין האַרציגער פריינד, טהוט מיר די געפאַלליגקייט.

פּיער האָט טרויעריג בעטראַכט דעם גרויען מאַן, וואָס האָט בתמימות געשמייכעלט מיט די גראָבע ליפּען און קינדריש־ליכטיגע אויגען. עס האָט פּיער'ן פאַרקלעמט דאָס האַרץ דערמאָנענדיג זיך, וויפיעל דער גוטער אַלטיטשקער, דער טאַטע פון אָרימע לייט, האָט נעבאַך געמוזט ליידען פאַר זיין גוטסקייט; וואָס פאַר אַ אום־חן מען האָט אויף איהם געוואָרפען פאַר זיין זעלטענער באַרימהערציגקייט. דער אַלטער ראַז פלעגט שטיצען יעדען; זיין קליינע וואָהנונג אויף שאַראָן גאַס איז געווען אַוואַהרער פּריוט, שטאַנדיג פולל מיט פערשיעדענע בעטלער שלעפּפער און אָפּגעריססענע קבצנים. זעהר אָפט פלעגט ביי איהם אין דירה פאָרקומען מאוסע געשיכטען. אַהין זענען געקומען שמוציגע, זינדיגע פרויען פון גאַס נאָכדעם אַז זיי זיינען אַרומגעלאָפען ביז האַלבע נאַכט און ניט געפונען אויף זיך קיין בעלן, דאָרט זיינען געקומען פערשיעדענע אויסוואורפען פון דער גרויסער שטאָדט, זיך זעהען מיט די חברים. דאָס הויז איז געוואָרען אַ אָרט פון אויסגעלאַססענקייט, און ער, דער גוטער אַלטער ראַז, איז געווען אַזוי איינפאַך, אַזאַ תם, אַז ער האָט גאָר ניט בעמערקט וואָס אַרום איהם טהוט זיך. ענדליך איז איינמאָל, ביי נאַכט, געקומען די פּאָליציי און אַרעסטירט ביי איהם

א דרייצענעיאהריגעס מיידעל, וואס האט געהרגעט א קינד. נאך דער געשיכטע האט מען איהם שטרענג בעפאהלען פערמאכען זיין פריוט פון ארימע לייט, מען האט איהם שטארק פארגעווארפען זיין לייכטזיננינקייט, אונ אלס שטראף האט מען איהם אריבערגעפיהרט אין א נ'אנדער ארט. פון דאמאלס אן האט מען שוין אויף איהם גוט אכטונג געגעבען, געהיט זיינע טריט, אונ ער האט געמוזט זיין פארזיכטיג, טהון גוטס בגניבה, געבען צדקה מיט פרעמדע האנד...

פיער האט ביי איהם צוגענומען די דריי פראנק.

— מיט'ן גראסטען פערגניגען וויל איך אייך דיענען, בעסטער פריינד.

— איהר וועט אלזא געהן אהין באלד נאכ'ן מארגען־געבעט, יא? ער הייסט ג'אוויאו, וואהנט אויף דער סאל גאסס, אין דעם לעצטען הויז פאר מארקאדע גאס. איהר וועט איהם גאנץ לייכט אפזוכען... עס וואלט געוועזען זעהר פיין פון אייער זייט, איהר זאלט מיר נאכדעם ערצאהלען, ווי אזוי ס'איז צוגעגאנגען דער בעזוך. אפשר וועט איהר קענען קומען היינט זייגער פינף אין דער סאנט־מאגדאלענא קירכע? איך וועל דארט זיין, הערען די דרשה פונ'ם בישאף מארטא. ער האט מיר אזוי פיעל גוטס געטהון... פיעלייכט וועט איהר אויך קומען הערען זיין פרעדיגט?

פיער האט א מאך געטהון אונבעשטימט מיט'ן האנד, ניט יא ניט ניין. ער האט זעהר געשאצט דעם בישאף מארטא וואס האט געהאט זעלטענע פאהיגקייט קלייבען נדבות. דער זעלבער בישאף האט זיך אנגענומען פאר דעם אלטען ראז אונ ניט דערלאזט, מען זאל איהם אין גאנצען ארויסטרייבען פון פאריז.

— איך ווייס ניט אויב די צייט וועט מיר ערלויבען קומען הערען די פרעדיגט — האט פיער געענטפערט — נור יעדענפאללס וועל איך דארט זיין, זעהען זיך מיט אייך.

די צוויי גייסטליכע זיינען געבליעבען שטעהן א ווייל שטילל. דער קאלטער ווינד אויפ'ן איינזאמען בארגיל האט זיי דורכגענומען ביז'ן ביין. פלוצלינג האבען זיי דערהערט טריט פון א מענשען. ראז האט זיך איבערגעשראקען אונ אומגעדרעהט דעם קאפ, זעהן ווער עס געהט. ניט וויט איז פארביי געגאנגען א הויכער מאנן, אנגעטהון אין קאלאשען, מיט א אפגעדעקטען קאפ וואס איז געווען בעוואקסען מיט געדיכטע, גרויע, קורצגעשוירענע האר.

— שיינט מיר דאס איז אייער ברודער? — האט ראז געפרעגט.

— יא, דאס איז מיין ברודער גיליאם. איך בעגעגען איהם דא מאנכעס מאל. ער האט דא א הויז, וואו ער וואהנט שוין, דאכט מיר, א יאהר צוואנציג. מיר גריסען אונז אז מיר בעגעגנען זיך, נאר צו איהם אין הויז געה איך ניט. איך האב מיט איהם קיין שום געשעפטען ניט, צווישען אונז ליעגט א גאנצער תהום...

אויף ראז'ס געזיכט האט זיך וויטער געוויזען זיין גוטהארציגער שמייכעל, אונ ער האט א מאך געטהון מיט'ן האנד, גלייך ער וואלט וועלען זאגען אז מען דארף ניט פארליערען די גוטע האפנונג. פיערס ברודער איז געווען א חעמיקער, געהאט א שם

פַאר אַ גְרויסֶען חָכָם נָאר אַ מֶענְשׁ פַאר זִיךְ, וָואס הָאט זַיינֶע פֶעסְטֶע אִיבֶּערְצַייגוּנְגֶען אוּנ לֶעבְּט אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן מֶענְשֶׁען. דֶער אַלְטֶער רָ א ז, וָואס פְלֶעגְט אָפְט פַארְבְּיינְגֶעהְן פַאר זַיין הויז, וואוּ עֶר הָאט גֶעוָואהְנְט מִיט זַיינֶע דְרַייא עֶרְוָואקְסֶענֶע זִיהְן אוּנ שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶוען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט זַיין אַרְבֵּייט, הָאט שׁוֹין פִיעל מָאל גֶעטְרַאכְט, גֶעהמֶען זִיךְ צוּ אִיהְם אוּנ מַאכֶען אִיהם פְרוּם, אוּנ אָבְוָואהְל בִּיז הַיינְט אִיז זַיין מִיה גֶעוֶוען אוּמְזָאנְסְט, נָאר דִי הָאפְפְנוּנְג בֶּעדַארְף מֶען נִיט פֶערְלִיערֶען...

— אָבֶּער מַיין טְהַייעֶרֶער — הָאט זִיךְ רָ א ז פְּלוּצְלִינְג אָבְּגֶערוּפֶען — וָואס שְׁטֶעה אִיךְ דָא אוּנ הַאלְט אַייךְ אויף דֶער קֶעלְט? אַייךְ אִיז גֶעווּיס נִיט אִיבְּרִיג הֵיים. גֶעהְט גֶעהְט אִינְוֶועֶנְדִיג. אויף וִוידֶערְזֶעהְן! אַבֶּענְד, זֵייגֶער פִינְף...

נָאכְדֶעם הָאט עֶר זִיךְ וִויעדֶער אוּמְגֶעקוּקְט אויב אִימֶעצֶער הֶערְט נִיט אוּנ גֶעזָאגְט מִיט אַ מִינֶע פוּן אַ שׁוּלְדִיגֶעם קִינְד:

— דִי הויפְּט־זַאךְ, אִיהְר זָאלְט קֵיינֶעם אַ וָוארְט נִיט עֶרְצֶעהלֶען פוּן מַיין אויפְטְרָאג. מֶען קֶען מִיר נָאךְ וִויעדֶער פָארְוַוארְפֶען אַז אִיךְ פִיהְר מִיךְ נִיט אָרֶענְטְלִיךְ.

אוּנ דֶער אַלְטֶער גַייסְטְלִיכֶער אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. פְּיֶער הָאט אִיהְם בֶּעגְלַייט מִיט דִי אויגֶען בִּיז עֶר אִיז אַרַיין אִין דֶער קָארְטָא גַאס, וואוּ עֶר הָאט גֶעוָואהְנְט אִין אַ פַייכְטִיגֶע דִירָה, אִין אוּנְטֶערְשְׁטֶען עֶטַאז, מִיט אַ קְלֵיין גָארְטִיל בַּיי דִי פֶענְסְטֶער.

דֶערְוַוייל אִיז דֶער גְרויעֶר טוּמַאן גֶעוָוארֶען גֶעדִיכְטֶער, דֶער וִוינְט הָאט נָאךְ קָאלְטֶער גֶעבְּלָאזֶען אוּנ גֶערִיססֶען. פְּיֶער אִיז אַרַיין אִין קִירְכֶע אוּנ דָאס הַארְץ הָאט אִיהְם וֶועה גֶעטְהוּן פוּן דֶער גַאנְצֶער גֶעשִׁיכְטֶע: דֶעם אַלְטֶען הֵיילִיגֶען מַאנְן הָאט מֶען פַיינְד גֶעהַאט דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁטִיצְט אָרִימֶע לַייט אוּנ פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען שְׁטִיצְט עֶר זֵיי וַוייטֶער בִּגְנֵבָה פַארְקוֹיפְט פוּן זַיין בַּעֲלֵי־בַּתִּישְׁקַייט אוּנ שִׁיקְט זֵיי אויף בְּרוֹיט. בֶּעדַארְף עֶס אַזוֹי זַיין? קוּמְט פַאר גוּטְסְקֵייט אַזַא טְרויעֶרִיגֶע בֶּעלָאהנוּנְג?

אוּנ אַלְטֶע וואַנְדֶען הָאבֶּען זִיךְ אויפְגֶעוֶועקְט אִין פְּיֶער'ס הַארְצֶען. צַייט אֵיינִיגֶע יָאהְר הָאט עֶר שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעלִיטְטֶען. עֶר הָאט גֶעהַאט זֶעהר אַוַייךְ הַארְץ אָבֶּער דַאנֶעגֶען אַ גֶעזוּנְטֶען פֶעסְטֶען פֶערְשְׁטַאנְד אוּנְטֶער דֶעם הַארְטֶען שְׁטֶערְן. פוּן דֶער יוּגֶענְד אִיז עֶר עֶרְצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען פַאר אַ פְרוּמֶען גַייסְטְלִיכֶען, שְׁפֶּעטֶער אָבֶּער, אַז עֶר אִיז מֶעהְר בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶער וֶועלְט, הָאט עֶר אַיינְגֶעזֶעהן ווִי דִי רֶעלִיגְיֶע אַלֵיין אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְד מַאכֶען שָׁלוֹם צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען; דֶער מֶענְשׁ וֶוערְט אִימְמֶער עֶרְגֶער, פֶערְדָארְבֶּענֶער, עֶס גֶעשֶׁעהֶען דִי גְרֶעסְטֶע עַוְלוֹת אוּנ רְצִיחוֹת. נָאכְדֶעם הָאט עֶר גֶענוּמֶען טְרַאכְטֶען וֶועגֶען דֶער רֶעלִיגְיֶע זֶעלְבְּסְט, גֶעוָואלְט פַארְשְׁטֶעהְן אַלְץ מִיט זַיין שֵׂכֶל, נִיט גְלויבֶּען בְּלִינְד — אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעהויבֶּען וֶוערֶען אַ אַפִּיקוֹרֶס. זַיין פֶעסְטֶע אֱמוּנָה אִיז בִּיסְלִיכְוַוייז גֶעוָוארֶען שְׁוַואכֶער. אַנְפַאנְגְס הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְּרוּבְט רַאנְגְלֶען מִיט יֵצֶר־הָרָע, הָאט גֶעוָואלְט מִיט גְוַואלְד פַארְשְׁטִיקֶען זַיין אוּנְעֶרְבַּארְמִיגֶען קַאלְטֶען שֵׂכֶל, נִיט פְרֶעגֶען קֵיין שְׁאֵלוֹת, נִיט אַרַיינְלָאזֶען זִיךְ אִין חֲקִירוֹת אוּנ גְלויבֶּען וִוי אַ מָאל, אִין דִי יוּנְגֶע גְלִיקְלִיכֶע יָאהְרֶען; זַיין ווִי דֶער פְּרָאסְטֶער אוּנְגֶעבִּילְדֶעטֶער מֶענְשׁ, וָואס הַאלְט דִי רֶעלִיגְיֶע טְהַייעֶר אָבְוָואהל עֶר פֶערְשְׁטֶעהְט זֵי נִיט. אוּמְזָאנְסְט

איז אבער געווען ד״ן מיה: מען קען ניט זיך צווינגען גלויבען אהן שכל. אז דער צווייפעל האפט זיך שוין אריין אין הארצען טאטשעט ער ווי א ווארעם. און דער ווארעם האט אפגעפרעסען די שאנסטע בלומען פון זיין אינוועניגסטען לעבען, געמאכט א תל פון זיין גלויבען, זיין רוה, זיין גליק און זיין פרייד. פ׳ ער האט געזוכט זיך צו ראטעווען, איז געפאהרען אין פערשיעדענע הייליגע ערטער, אבער דארט וואו טויזענדער מענשען האבען געזעהן וואונדער האט ער געפונ׳ן פערצווייפלונג, פארבלענדעניש, און מיט א ליידיג געמיטה, אהן אמונה, אהן האפפנונג איז ער פאר דריי יאהר צוריק געקומען אין פאריז: ער האט זיך געווארפען אויף צדקה והאלפען רא״ש שטיצען נויט־בעדירפטיגע, ער האט געהאפפט אז דאס וועט איהם שאפפען פרייד און אויספיללען זיין לעבען; אבער אין די דריי יאהר האט ער איינגעזעהן אז אויך די גומסקייט, די ליעבע, איז צו שוואך בעססער מאכען די וועלט. די נויט איז אזוי גרויס, די ארימקייט, דער עלענד איז ווי א ים און די שטיצע, די הילף — אפילו ניט א טראפען...

דאס לעבען אהן א ציעל איז איהם געווארען פארמאוסט, די רעליגיע איז איהם אפגעשטארבען אויף עביג, אפילו די האפפנונג אז די אמונה פון פאלק וועט צו עטוואס נוטצען איז אויך פערשוואונדען געווארען. פ׳ ער, דער גייסטליכער, דער דינער גאטס, האט אין קיין זאך ניט געגלויבט, אללעס אבגעלייקענט און האט נאר געווארט ביז די מענשליכע פערדארבענהייט זאל ערגרייכען די העכסטע מדרגה: איינער זאל דעם צווייטען אויסמארדען, אויסשעכטען, אדער עס זאל עפעס אנאנדער אומגליק געשעהן, א מבול, א שרפה, א מגפה, און אלע זינדיגע מענשען זאלען פארשוואונדען ווערען פון דער וועלט.

דורך דער שטאנדיגער מלחמה צווישען שכל און געפיהל, צווישען קאלטען קאפ און הייסען הארץ, איז פ׳ ער שטאנדיג געוועזן טרויעריג, פארטראכט און אבגעזונדערט פון אללעמען. זיינע געדאנקען האט ער קיינמאל ניט ארויסגערעדעט און האט טריי און ערנסט געטהון זיין פליכט: ער האט אפגעהיט דעם גלויבען פון אנדערע, אויפגעפיהרט זיך ווי א פרומער, גאטס־טרייער מאנן, וועהרענד טיעף אין הארצען איז געלעגען דער אבשייליכער ווארעם, וואס האט שוין אללעס אויסגעטאטשעט און פארוויסטעט... ער האט זיך אויפגעפיהרט אזוי סטאטיש, אזוי שטיל, גוט און פרום, אז אללע האבען איהם געהאלטען פאר א הייליגען וואס קען מיט זיין תפלה בעווייזען וואונדער. קיינעם איז גאר אויף די געדאנקען ניט געקומען אז אט דער הייליגער איז א לעדיגער קבר, אין וועלכען עס ליעגט ניט אפילו א ביסעל שטויב פון גלויבען און האפפונג, און דאס פראסטע פאלק האט איהם פארגאטטערט, געקושט דעם זוים פון זיין מאנטעל. א פערטרויערטע מוטטער, וואס איהר קינד איז געלעגען טוידט קראנק, איז איינמאל געקומען איהם בעטען, ער זאל מתפלל זיין פאר איהר קראנק קינד. זי האט פעסט געגלויבט אז זיין תפלה וועט גאט געוויסס איינהערען. ער האט ניט געקאנט צוזעהן דעם רחמנות פון דער אומגליקליכער מוטטער און איז געגאנגען בעטטען, דאס

הַאַרְץ אָבֶּער הָאט אִיהְם גֶעבְּלוּטִיגְט וָואס עֶר מוּז שְׁפִּיעלֶען אַ פַאלְשֶׁע רָאלֶע, זַיין וִוי אַ קָאמֶעדְיַאנְט; עֶר אִיז בַּיי זִיךְ זֶעלְבְּסְט נִמְאָס וּמְאוּס גֶעוָוארֶען וִוי גְלִיקְלִיךְ זַיינֶען דִי מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען גֶעזוּנְט, דֶער מוֹחַ אִיז נִיט דֶערְוִוידֶער דֶעם הַארְצֶען, זוּנ זַיי הָאבֶּען זַייעֶר עֶהְרְלִיבֶע, בֶּעשְׁטִימְטֶע בֶּעשֶׁאפְטִיגוּנְג! וואוּ נֶעהְמְט מֶען אָבֶּער אַ נַייֶע רֶעלִיגְיֶע, וואוּ גֶעפִינְט מֶען דֶעם אֱמֶת, וִוי שַׁאפְט מְען זִיךְ צוּפְרִידֶענְהַייט?

פְּ יֶ ע ר הָאט אָנְגֶעטְהוּן דֶעם רָאק, אִיז אַרוּיף אוֹיף דֶער בִּימָה, גֶערֶעדְט מִיטְ'ן מוֹיל, גֶעמַאכְט מִיט דִי הֶאנְד אוּנ אִין קָאפּ גֶעטְרַאכְט גָאר עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ. אִיהְם הָאט גֶעשְׁווִינְדֶעלְט פַאר דִי אוֹיגֶען. עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, דִי עֶרְד שָׁאקֶעלְט זִיךְ אוּנְטֶער זַיינֶע פִּיס. נָאכְ'ן גֶעבֶּעט אִיז עֶר אַרוֹיס צוּשְׁלָאגֶען, בְּלַאס אוּנ אוֹיפְגֶערֶעגְט. דֶער קַאלְטֶער וִוינְד הָאט אִיהְם דוּרְכְגֶענוּמֶען אוּנ עֶר הָאט וֶעצִיטֶערְט אִין גַאנְצֶען לַייבּ. עֶר הָאט וִויעדֶער בֶּעטְרַאכְט פַּארִיז, וָואס אִיז נָאךְ אַלְץ גֶעלֶעגֶען אוּנְטֶען פַארְוִויקֶעלְט אִין טוּמַאן: שְׁטֶעהְט זִי נָאךְ אוֹיף אִיהְר אָרְט? אִיז נִיט גֶעקִימֶען דֶערְוַוייל אַ גְרוֹיסֶער שְׁטוּרְם אוּנ אָבְּגֶעקֶעהְרְט דִי זִינְדִיגֶע שְׁטָאדְט? אִיז נִיט גֶעוֶוען אַ קַאטַאסְטְרָאפֶע אוּנ גֶעמַאכְט אַ סוֹף פוּן אִיהר אוּנ יֶעצְט אִיז מֶעהר נִיט גֶעבְּלִיעבֶּען וִוי אַיין גְרוֹיסֶע שְׁטִינְקֶעדִיגֶ'ע בְּלָאטֶע, אַרוּמְגֶענוּמֶ'ען מִיט חוּרְבוֹת פוּן דֶער וִוִיסְטֶער שְׁטָאדְט?...

פְּ יֶ ע ר הָאט גֶעוָואלְט בַּאלְד עֶרְפִילֶען זַיין פְרַיינְדְס בַּקָשָׁה, אִיז אַרוּנְטֶער פוּן בַּארְג אוּנ גֶענוּמֶען גֶעהְן אוֹיף דֶער סָאל גַאס. דִי דְרַיי כְּרַאנְק, וָואס זֶענֶען גֶעלֶעגֶען אִין זַיין מַאשׁ, הָאבֶּען אִיהְם טִיעף גֶערִיהְרְט, אָבֶּער אוֹיךְ גֶערֵייצְט אוּנ אוֹיפְגֶערֶעגְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט וִוי דִי בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט הָאט קֵיין שׁוּם מַמָשׁוּת נִיט אוּנ קֶען וֶועניג וָואס נוּטְצֶען. נָאר וָואס וַוייטֶער עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען בַּארְג אַרָאפּ אוֹיף דִי שְׁוַוארְצֶע טְרֶעפּ, הָאט אִיהְם אַלְץ אָנְגֶענוּמֶען אַ גְרֶעסֶער רַחֲמָנוּת אוֹיף דֶער אָרֶעמְקֵייט וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהְן פוּן אַלֶע זַייטֶען. צַייט מֶען הָאט אִין מָאנְמַארְטְר אָנְגֶעהוֹיבֶּען בוֹיעֶן דִי קִירְכֶע אִיז דָא אוֹיסְגֶעוַואקְסֶען אַ נַייעֶר טְהֵייל שְׁטָאדְט, אַ פְרִישֶׁער קְוַוארְטַאל: פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען פְלֶעצֶער אִיז זוֹאוּ-נִיט-וואוּ גֶעשְׁטַאנֶען אַ שֶׁאן הוֹיז מִיט אַ אוּנְבֶּעפְלַאנְצְטֶען גָארְטֶען, אוּנ גְלַייךְ נָאךְ דֶעם נַייעֶם הוֹיז אַ שְׁטִיק לֶעדִיג פֶעלְד, פַארְצוֹימְט מִיט אַ פַארְקַאן. דִי פְרִישׁ גֶעמָאלְטֶע הַייזֶער, וָואס סְ'אִיז גֶעוֶוען קֶענְטִיג אַז אִין זַיי וֶועלֶען וָואהְנֶען רַייכֶערֶע מֶענְשֶׁען: זַיינֶען גֶעוֶוען דֶער הֵיפֶּךְ פוּן דִי פִינְסְטֶערֶע, שְׁמוּצִיגֶע, הַאלְבּ-אַיינְגֶעפַאלֶענֶע אַלְטֶע גֶעבַּיידֶען, מִיט דִי שְׁמוּצִיגֶע גָארְקִיכֶען, מִיט דֶעם גַאנְצֶען אַלְטֶען טְהֵייל שְׁטָאדְט וואוּ מֶענְשֶׁען זַיינֶען אָנְגֶעפַּאקְט וִוי אַ סְטַאדֶע בְּהֵמוֹת אוּנ לֶעבֶּען אִין צָרוֹת אוּנ דַחֲקוּת. דִי גַאס אִיז גֶעוֶוען קֵייטִיג, דֶער פְלַאסְטֶער פוֹלְל גְרִיבֶּער אוּנ שְׁמוּטְץ, דִי וֶואנְד פוּן דִי הַייזֶער בֶּעדֶעקְט מִיט פַייכְטְקֵייט פוּן דֶער וַוארִימֶער וִוינְטֶער לוּפְט. טְרוֹיעֶרִיג אִיז אִיהְם גֶעוָוארֶען אוֹיפְ'ן הַארְצֶען זֶעהֶענְדִיג דִי קוֹיטִיגְקֵייט, דֶעם עֶלֶענְד וָואס קוּקְט אַרוֹיס פוּן יֶעדֶען וִוינְקֶעל...

נִיט וַוייט פוּן דֶער מַארְקַאדֶע גַאס אִיז פְּ יֶ ע ר אַרַיין אִין אַ הוֹיף פוּן דְרַיי הַייזֶער וָואס הָאבֶּען אוֹיסְגֶעזֶעהְן וִוי אַ קַאזַארְמֶע אָדֶער אַ שְׁפִּיטָאל. עֶר אִיז גֶעוֶוען זִיכֶער אַז עֶר הָאט גֶעטְרָאפֶען וָואהִין עֶר בְּרוֹיךְ. דֶער הוֹיף הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהְן וִוי אַ וַואהְרֶער

אָפְּטְרֶעט. אִין דִי צְוֵויי מָאנַאטֶען פְרָאסְט הָאט מֶען, ווִי עֶס שַׁיינְט, אַהֶער אַרויסְגֶעפִיהְרְט אַלֶע אוּמְגְליקְלִיכְקֵייט אוּנ יֶעצְט הָאט עֶס אָנְגֶעהויבֶּען אָבְּגֶעהְן, צוּשְׁמָאלְצֶען וֶוערֶען אוּנ אַרויסְגֶעגֶעבֶּען פוּן זִיךְ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען עִפּ״שׁ. דִי הַייזֶער זֶענֶען גֶעוֶוען אַזוֹי אַלְט אוּנ פֶערְפוילְט אַז סְ'הָאט גֶעשַׁיינְט, אַט אַט פַאלֶען זֵיי אַיין. דֶער אַרַיינְגַאנְג הָאט אויסְגֶעזֶעהְן ווִי אַ שְׁוַוארְצֶע פִינְסְטֶערֶע גרוּב, דִי בְּלָאטִיגֶע שׁויבֶּען פַארְקְלֶעבְּט אוּמֶעדוּם מִיט שְׁטִיקְלֶעךְ פַּאפִּיר; וואוּ מֶען הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט זַיינֶען גֶעהַאנְגֶען קויטִיגֶע שְׁמַ...טֶעס, וָואס דֶער ווִינְד הָאט גֶעוָוארְפֶען אוּנ גֶעטְרַייסֶעלְט ווִי שְׁוַוארְצֶע טְרויעֶר־פֶאנֶער. אִין דֶעם קְלֵיינֶעם צִימְמֶערִיל פַארְ'ן הויז־וֶואכְטֶער (סְטָארָאז) הָאט פְּיֶער בֶּעמֶערְקְט אַ קְרַאנְ... מֶענְשֶׁען, אַיינְגֶעווִיקֶעלְט אִין שְׁמַאטֶעס פוּן אַ אַלְטֶע פֶערְדִישֶׁע דֶעק.

— דָא בַּיי אַייךְ ווָאהְנְט אַ נ'אַלְטֶער אַרְבֵּייטֶער לַאוְוָיָאוו. זָאגְט מִיר אוּנ וֶועלְכֶען עֶטַאז אוּנ מִיט וֶועלְכֶע טְרֶעפּ גֶעהט מֶען צוּ אִיהְם?

דֶער קְרַאנְקֶער הָאט נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט, נָאר אויסְגֶעגְלָאצְט פַאר שְׁרֶעק אַ פָּאר אִידְיָאטִישֶׁע אויגֶען. דֶער גַייסְטְלִיכֶער הָאט אַ וַוייְלֶע גֶעוַוארְט, בַּאלְד אָבֶּער הָאט עֶר בֶּעמֶערְקְט טִיעף אִין הויף אַ קְלֵיין מֵיידִיל אוּנ גֶענוּמֶען גֶעהְן צוּ אִיהְר דוּרְכ'ן גְרוּבּ... אָפְּטְרֶעט אויף דִי שְׁפִּיץ פִינְגֶער.

— מֵיידֶעלֶע, וֵוייסְט נִיט וואוּ ווָאהְנְט אִין דֶעם הויף אַ נ'אַלְטֶער אַרְבֵּייטֶער לַאוְוָיָאוו?

דָאס מָאגֶערֶע לַייבּ פוּנ'ם מֵיידִיל אִיז גֶעוֶוען בֶּעדֶעקְט מִיט אֵיין אַיינְצִיג רָאזָאוֶוע קְלֵיידִיל וָואס הָאט שׁוין אויסְגֶעזֶעהְן ווִי אַ שְׁמַאטֶע. זִי הָאט גֶעצִיטְטֶערְט פוּן קֶעלְט; דִי הֶענְטְלִיךְ זַיינֶען גֶעוֶוען בְּרוין אוּנ בְּלוֹי. זִי הָאט זִיךְ אוּמְגֶעדְרֶעהט צוּ אִיהְם מִיט אִיהְר שֵׁאן, נָאר עֶרְפְרוירֶען, פְּנִים'ל.

— לַאוְוָיָאוו?... נֵיין, אִיךְ וֵוייס נִיט, אִיךְ וֵוייס נִיט.

אוּנ זִי הָאט צוּ אִיהְם אויסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אֵיינֶע פוּן אִיהְרֶע מָאגֶערֶע, עֶרְפְרוירֶענֶע הֶענְטְלִיךְ. עֶר הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אַ קְלֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע מַטְבֵּעַ אוּנ זִי הָאט גֶענוּמֶען שְׁפְּרִינְגֶען פוּן פְרֵייד אִיבֶּער דֶער בְּלָאטֶע ווִי אַ יוּנְג צִיגֶעלֶע אוּנ צוּגֶעזוּנְגֶען מִיט אִיהְר שַׁארְף קוֹל'כִיל:

— אִיךְ וֵוייס נִיט, אִיךְ וֵוייס נִיט, אִיךְ וֵוייס נִיט!...

עֶר הָאט גֶענוּמֶען גֶעהְן נָאךְ אִיהְר. זִי אִיז פַארְשְׁווּאוּנְדֶען גֶעוָוארֶען אִין אֵיינֶע פוּן דִי טְהִיעֶרֶען אוּנ פְּיֶער הָאט אָנְגֶעהויבֶּען אִיהְר נָאכְגֶעהְן אויף דִי פִינְסְטֶערֶע, שְׁטִינְקֶעדִיגֶע טְרֶעפּ, וָואס זַיינֶען גֶעוֶוען צוּבְּרָאכֶען אוּנ אַזוֹי גְלִיטְשִׁיק, אַז עֶר הָאט גֶעמוּזְט זִיךְ אָנְהַאפֶּען בַּיים פַארְשְׁמָאלְצִינֶעם שְׁטְרִיק, וָואס הָאט גֶעדִינְט פַאר אַ פָּארֶענֶטְשֶׁע. אָבֶּער אַלֶע טְהִירֶען זֶענֶען גֶעוֶוען פֶערְמַאכְט אוּנ פֶערְשְׁלָאסֶען; אויף זַיין קְלַאפֶּען הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט אָבְּגֶערוּפֶען. פְּיֶער הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ טְהוּן, עֶר אִיז צוּרִיק אַרָאבּ אִין הויף אוּנ אָנְגֶעהויבֶּען גֶעהְן אויף דִי אַנְדֶערֶע טְרֶעפּ, וואוּ עֶס הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אַזָאלְכֶע שְׁטַארְקֶע קִינְדֶערְשֶׁע גֶעשְׁרַייעֶן, אַז מֶען הָאט גֶעקָאנְט גְלויבֶּען, דָא שְׁטִיקְט מֶען אַ קִינְד. עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אַהִין, פוּן וַואנֶעט דָאס גֶעשְׁרַיי

האָרט זיך, און איז געקומען צו אַ אָפּפּען טהיר: אין אַ גרויס צימער, וואו קיינער איז ניט געווען, האָט זיך געריססען מיט די לעצטע כחות אַ קינד, צוגעבונדען צו אַ ניעדריג טישעל, ער זאָלל ניט אומפאַללען. פּיער איז ווידער אַראָפּגעגאַנגען אונטען, מיט אַ וועהטאָג אין האַרצען: ער האָט געפיהלט, אַז דאָס גאַנצע בלוט וועט אין איהם פערגליווערט, וועהענדיג אַזאַ שרעקליכע אָרימקייט.

געהענדיג איז איהם אַנטקעגען געקומען אַ פרוי, וואָס האָט געטראָגען אין פאַרטוך דריי קאַרטאָפּפעל. אויף זיין פראַגע האָט זי מיט אונטרויען בעטראַכט זיין אַנצוג און געענטפערט: לאַוויאַוו, לאַוויאַוו... ניין, איך קען ניט אַזעלכען. ווען דעם וואַכטערס פרוי זאָלל זיין, וואָלט זי אייך אפשר געקענט זאָגען. דאָ ביי־אצ' אין הויז זענען פינף קאָרידאָרען: עס איז שווער צו קענען אַללע איינוואָהנער, בפרט אַז זעהר אָפט בייטען זיי זיך. פרובט פרעגען אַט דאָרט.

די טרעפּ אין ווינקעל וואו זי האָט איהם אָנגעוויזען, איז געווען נאָך אַבשייליכער פון אַללע איבריגע: די שטאַפּפּעל צובראָכען ביז איינעם, די וואַנד פייכט, גלייך ווי פון זיי וואָלט אַרויסגעזעצט דער שוויים פון אַללע אָרימע שכנים, וואָס וואָהנען און מוטשען זיך דאָ. פון די קליינע קאָרידאָרען האָט שרעקליך געפּושט, פון די צימערן האָט זיך געהערט קולות, זידלעריי, געוויין. איין טהיר האָט זיך מיט רעש געעפענט און אויפ'ן שוועל איז געשטאַנען אַ מאַנספּערשוין און געשלעפּט פאַר די האָר אַ פרוי, און הינטער זיי שטעהען דריי קליינע קינדער און וויינען מיט ביטטערע קולות. אַ שטאָק העכער האָט ער בעמערקט דורך דער האַלב־אָפּפענער טהיר אַ מאָגערע פרוי מיט אַ נ'איינגעפאַללענע ברוסט, זי האָט זיך פערקייכט פון הוסטען און אַרומגעטראָגען הין־און־צוריק אַ קינד, איהם געשאָקעלט און געטרייסעלט, ער זאָל ניט וויינען וואָס זי האָט ניט איהם צו געבען קיין מילך. אין דער צווייטער דירה האָבען געוואָהנט צוזאַממען דריי פאַמיליעס, וועלכע ס'איז שווער געווען צו ערקענען אויב דאָס זיינען מאַננער אָדער פרויען, יונגע אָדער אַלטע — אַללע אַרומגעהאַנגען מיט שמאַטעס, געזעססען אין לעדיגען צימער אַרום אַ גרויסע שיססעל און געגעססען מיט גרויס הונגער עפּעס אַ שפּייז, אַ געמישעכץ, וואָס אַ הונד וואָלט דאָס ניט געוואָלט שמעקען. זיי האָבען נאָר אויפגעהויב'ן דעם קאָפּ דערזעהענדיג פּיער'ן, עפּעס אַ מורמעל געטהון און גאָר ניט געענטפערט.

ביי פּיער איז געבליעבען מאַכען נאָך איין פּראָבע עהדער ער געהט אַרונטער, און ער האָט גענוממען קלאַפּפּען אין טהיר אויפ'ן האַכער'ן עטאַז, ניט ווייט פון קאָרידאָר. איהם האָט געעפענט אַ פרוי מיט אַ צוואָרפען קאָפּ האָר, וואָס האָבען שוין אָנגעהויבען גרוי ווערען, אָבוואָהל זי איז, וואַהרשיינליך, נאָך ניט אַלט געווען קיין פערציג יאָהר. איהרע בלאַססע ליפּפּען אָהן אַ טראָפּפּען בלוט, איהרע אויסגעלאָשענע אויגען, דאָס געלע פּנים האָבען געוויזען ווי מיעד און אויסגעמוטשעט זי איז; דאָס גאַנצע געשטאַלט איז אָהן לעבען, אויסגעטריקענט, דערשלאָגען פון שרעקליכער אָרימקייט. זי איז צומישט געוואָרען דערזעהענדיג זיין גייסטליכען מאַנטעל און

האט ערשראקען געזאגט:

— קומט, קומט, הערר גייסטליכער.

נאר א ארבייטער, וועלכען פיע, האט פריהער ניט בעמערקט, א מאנן פון א יאהר פיערציג, הויך, מאגער, מיט א פליך אויפ'ן קאפ אונ מיט א רויטען אבגעקראכענעם בארד, האט אויסגעשטרעקט מיט כעס זיין פויסט, גלייך ער וואלט זעהר וועלען נעהמען דעם גייסטליכען ביים קראגען אונ ארויסשליידערן פון צימער. באלד אבער האט ער זיך בערוהיגט, געזעצט אויף א הינקעדיגען בענקעל אונ אויסגעדרעהט צום גייסטליכען עקסטרא מיט'ן רוקען. אין צימער איז נאך געווען א מיידעל מיט בלאנדע האר, אלט א יאהר צוועלף, מיט א לאנגליך שמאלעם געזיכט, וואס האט אויסגעזעהן פאלקאממען ענטוויקעלט אונ פארשטאנדיג נאך פאר דער צייט, ווי די מייסטען ארימע, אונגליקליכע קינדער. דער פאטער האט זי צוגערופען אונ אוועקגעזעצט אויפ'ן שויס; ווי עס ווייזט אויס האט ער ניט געוואלט, דער מאנטעל פון גייסטליכען זאל זי אנריהרען.

פיער האט געפיהלט א וועהטאג אין הארצען פון אזא אויפנעהמען, אבער נאך מעהר האט איהם געריהרט דער שרעקליכער דלות פון דער פאמיליע, וואס וואהנט אין א קאלטען צימער מיט נאקיטע ווענט אזוי ווי עס שיינט, זעהר אומגליקליך.

פיער האט נאך א מאל א פרעג געטהון:

— מאדאם, קענט איהר ניט דעם אלטען ארבייטער לאוויאו?

די פרוי איז געשטאנען יעצט נאך מעהר ערשראקען, זעהענדיג ווי דער מאנן איז אין כעס פאר וואס זי האט אריינגעלאזען פיער'ן. זי האט מיט מורא געפרובט פארבעסערן איהר פעהלער.

— לאוויאו... לאוויאו... ניין! סאלווא, האר נאר: דו קענסט איהם ניט?

סאלווא האט ניט געענטפערט נאר א ציה געטהון מיט די אקסלען. דעם מיידיל אבער האט זיך פארגלוסט אריינמישען אין געשפרעך.

— דו ווייסט וואס, מוטער טעאדאר, עס קען זיין ער מיינט דעם פילאזאף.

— פריהער איז ער געווען א מאלער — האט פיער געזאגט — היינט איז ער אלט אונ קראנק אונ קען ניט מעהר ארבייטען.

די מאדאם טעאדאר האט זיך גלייך אנגעשטויסען, וועמען ער מיינט

— יא, יא, דאס איז מאקי דער זעלבער. ביי אונז הייסט ער פילאזאף, אזוי האט מען איהם א נאמען געגעבען אין אונזער קווארטיל. עס קען זיין, אז זיין פאמיליע־נאמען איז לאוויאו.

סאלווא האט דערווייל אויסגעשטרעקט דעם פויסט אין דער הויך, גלייך ער וואלט געסטראשעט גאט, אונ האט אהן ווארטער אויסגעדריקט זיין פראטעסט, זיין

כעס, פאר וואס פיהרט זיך די וועלט אזוי פארלע, אז אלטע לייט, וואס האבען א גאנץ לעבען געהארעוועט, מוזען שטארבען פאר הונגער ווי צושלאגענע קליאטשעס. נאכדעם האט ער זיך ווידער פארטראכט אונ געבליבען זיצען שטום, אהן בעוועגונג. ער איז געוועזען פון פראפעסיע א מעכאניק אונ יעצט האט ער קיין אויג ניט ארא‏בגע־לאזט פון טיש, וואו ס'איז געלעגען זיין זאקיל מיט אינסטרומענטען — א קליין לעדערן זאקיל, אנגעבלאזען פון איין זייט. ער האט געטראכט וועגען דעם, וואס ער האט שוין אזוי לאנג ניט געפונען קיין ארבייט; האט געטראכט, ווי ער האט אומזאנסט געזוכט א שטעללע שוין קיילעכדיגע צוויי חדשים. פלוצלינג האט ער בעמערקט די טאכטער גענומט דאס זאקיל אונ וויל עם אפפענען.

ער האט א ציטטער געטהון, געווארען בלאסס פון אויפרעגונג, אונ געזאגט פריינדליך אבער שטרענג:

— סעלינא, לעג אוועק! איך האב דיר איין מאל פאר אללע מאל פערבאטען, זאלסט זיך ניט צושטעקען צו מיינע אינסטרומענטען.

ער האט גענומען דאס זאקיל אונ פארזיכטיג אוועקגעשטעללט הינטער זיך ביים וואנד.

— אלזא, הייסט עס — האט פיער געפרעגט — וואהנט לאוויזאו דא אין הויז?

מאדאם טעאדאר האט שרעקעדיג אקוק געטהון אויף סאלוואן, גלייך זי וואלט פרעגען זיין מיינונג. איהר איז קיינמאל ניט געפעללען וואס מען איז אזוי שלעכט מקבל־פנים די גייסטליכע, ווען זיי קומען בעזוכען די ארימע לייט — וואס שאדט עס מען זאל זיי פריינדליכער אויפנעהמען? מען קען דאך אמאל האבען פון זיי א שטיקעל טובה. דערזעהענדיג אז סאלוואן איז ווייטער פערזונקען אין זיינע פינסטערע געדאנקען אונ לאזט איהר טהון וואס זי וויל, האט זי זיך נוטמיטהיג געווענדעט צו פיער'ן אונ געזאגט:

— אויב איהר ווילט, קען איך אייך אהין פיהרען. ער וואהנט אין עק קארידאר, מען דארף נור ארויפגעהן עטליכע טרעפליך.

סעלינא איז אראבגעשפרונגען פון פאטערס קניע אונ מיטגעגאנגען מיט'ן גייסטליכען. סאלוואן איז געבליעבען אליין אין צימער, אין דעם קאלטען צימער, וואו ער האט פארבראכט גאנצע טאג אין נויט אונ עלענד, דחקות אונ אויפרעגונג — אין צימער וואו ס'איז ניט געוועזען קיין פייער אונ קיין ברויט, דארט איז ער געבליעבען אליין מיט זיינע צומישטע געדאנקען אונ האט קיין אויג ניט אראבגעלאזט פון זיין זעקעל, גלייך ווי נאר די אינסטרומענטען אליין קענען איהם ארויסהעלפען, ראטעווען פון אללע אומגליקען.

מען האט ווירקליך בעדארפט ארויפגעהן נאך עטליכע טרעפליך האבער. פיער איז נאכגעגאנגען דער מאדאם טעאדאר מיט סעלינא'ן אונ איז אריין אין א ענגען ביידעם. סאמע אונטערן דאך, א מין לאך, וואס איז ניט גראססער ווי עטליכע

קוואַדראַט-אַרשין, מיט אַ משופּעדיגען סופיט, אַז ס'איז געווען אונמעגליך שטעהן גלייך. אויבען איז געווען אַ קליין פענסטעריל, נור יעצט זיינען די שויבען געווען בעדעקט מיט שנעע און מען האָט געמוזט לאָזען אָפּען די טהיר, אַז מען זאָל קענען עטוואָס זעהען. דערפאַר אָבער האָט מען דאָס וועטער פון דרויסען דאָ זעהר גוט געשפּירט. דער צושמאָלצענער שנעע האָט זיך טראָפּפּענווייז דורכגעזייט און געקאַפּעט אויף דער פּאָדלאָגע. די פייכטקייט האָט בעדעקט אַללעס מיט אַ דיקע, גרויע שאָל. און דאָ, אין דער נאָרע, וואו ס'איז ניט געווען קיין איינציג בענקיל, אַפילו ניט אַ שפּיץ ברעטעל, אין ווינקעל אויף דער ערד, אויף אַ בשיילכע שמאַטעס, האָט זיך געוואַלגערט דער אַלטער גאַרניאָוו ווי אַ האַלב-געפּגרטע בהמה, אין אַ הויפען מיסט.

— אט האָבען זיי איהם, ביטטע! — האָט סעלינאַ געזאָגט מיט איהר קלינגענדיגע שטימע — אט איז ער, דער פילאָזאָף.

מאַדאַם טעאָדאָר האָט זיך איינגעבויגען, זעהן אויב ער לעבט נאָך.

— יאָ, ער סאָפּעט נאָך, דאַכט זיך ער שלאָפט. אָ, ווען מען זאָל איהם יעדען טאָג געבען עססען וואָלט ער נאָך געווען גאַנץ געזונד. וואָס זאָל מען אָבער טהון? ער האָט ניט קיין קרוב, קיין גואל, עלענד ווי אַ שטיין, און אין אַזאַ עלטער איז דאָס בעטטע געהן — אין וואַסטער אַריין! פּאַלערייַ איז אַ שווערע מלאכה, מאַנכער האָט שוין צו פינפציג יאָהר קיין כח ניט, אַרבייטען אויף די רושטאָוואַניעס. אָנפאַנגס האָט לאַוויאָנו געקריגען אַרבייט אין דער ניעדער. נאָכדעם איז ער געוואָרען אַ נאַכט-שומר אין אַ טאַרטאַק. היינט האָט ער שוין דאָס אויך ניט — מען האָט איהם אַרויס-געטריבען. צוויי מאָנאַט וואַלגערט ער זיך דאָ אין ווינקעל. ס'ווייזט אויס, ער איז עקסטרא געקומען אַהער, דערפראָרען ווערען. דער ווירטה האָט קיין האַרץ ניט, איהם אַרויסצוואַרפען. מיר, שכנים, ברענגען איהם מאַנכעס מאָל אַ ביססעל וויין, אַ שטיקעל טרוקען ברויט — דאָס איז אָבער גאַנץ זעלטען. מיר האָבען אַליין ניט מיט וואָס די נשמה אונטערהאַלטען.

מיט שרעק האָט פּיער בעטראַכט די חורבה דאָס רעשט ביססעל ביינער, וואָס זענען געבליעבען נאָך פונפציג יאָהר נויט, אַרבייט און צרות. ער האָט קוים אָפּגעזוכט צווישען די שמאַטעס דעם גרויען קאָפּ, וואָס איז געווען צוריבען, צושלאָגען, צוראַנעט; דאָס געזיכט בעוואַקסען מיט אַ האַרטען צוויטטיגען באָרד, די קינבאַקען אויסגעקרימט צייט די צאָהן זיינען אַרויסגעפאַללען, די אויגען ווי גלעזערנע באַנקעס, די נאָז הענגט איבערן מויל. ער האָט אין גאַנצען אויסגעזעהן ווי אַפּיה, וי' אַ אויס-געפּאָהרענע, אויסגעמוטשעטע, אויסגעמאָגערטע שקאַפּע, וואָס טויג ניט מעהר ווי אין שעכט-הויז.

— אָ, אומגליקליכע בעשעפעניש! — האָט דער גייסטליכער געמורמעלט מיט אַ ציטטער — און אַזאַלכען לאָזט מען שטאַרבען פאַר הונגער, איינזאַם אָהן די מינדעסטע הילף! מען האָט איהם ניט צוגענומען אין הקדש און ניט אין שפּיטאָל?

— אָבער וואָס! — האָט מאַדאַם טעאָדאָר געענטפערט מיט איהר שרעקעדי-

גער, געצווינגענער שטימטע — די שפּיטאָלען זיינען געמאַכט פאַר קראַנקע און ער קראַנקט דאָך ניט, — ער פערט גלאַט אַזוי אָהן כּחות. אויסער דעם איז ער אַביסעל משוגע, איינגעשפּאַרט. ערשט ניט לאַנג איז מען דאַ געווען און געוואָלט איהם נעהמען אין אַ שוץ־הויז, האָט ער אָבער ניט געוואָלט מען זאָל איהם האַלטען פאַרשלאָסען. אַז מען פרעגט איהם עפּעס, זידעלט ער יעדערען און איבערהויפּט האָט ער אַ שלעכטען נאָמען, אַ שכּור און בעפאַללט די רייכע. נו, אַ דאַנק גאָט, שוין באַלד פּטור ווערען!

פּ ע ר האָט זיך איינגעבויגען און געזעהן, לאַווריאַוו האַלט אָפּפען די אויגען. ער האָט גענומען רעדען פריינדליך מיט דעם אומגליקליכען און ערצאָהלען, אַז איהר האָט געשיקט אַהער זיינער אַ גוטער פריינד, ברענגען אַ ביסעל געלד. דער אַלטער האָט אַנפּאַנגען, ווי ער האָט בעמערקט דעם גייסטליכען, אָנגעהויבען מורמלען און שילטען. דאָך איז ער נאָך געווען ביים שכל און פאַרשטאַנגען אַ ג׳עסק, ווי יעדער פאַריזער אַרבייטער.

— אויב אַזוי, וועל איך טאַקע בענעצען די ליפּפען, אַדרבא — האָט ער געזאָגט נאָך דייטליך — און וועל פאַרבייסען מיט אַ שטיקעל ברויט, אַז ס׳איז יאָ פאַראַן געלט — שוין צוויי טאָג האָב איך אין מיין מויל ניט געהאַט.

סעליני א האָט זיך אָנגעבאָטען אַרומטערלויפען און מאַדאַם טעאָדאָר האָט זי אַראָפּגעשיקט, ברענגען ברויט מיט אַ קוואַרט וויין פאַר פּ ע ר׳ס געלט. אַליין האָט זי זיך דערווייל גענומען ערצאָהלען דעם גייסטליכען, אַז איינענטליך האָט מען שוין געוואָלט אַריינגעהמען לאַווריאַוו׳ן אין פּריוואַט פון אַלטע בעלי־מלאכות, וואָס שטעהט אונטערן שוץ פון דער באַראָנעסע דיוויליאַר; מען האָט זיך אָבער, ווי עס ווייזט אויס, נאָכגעפרעגט אויף דעם פאַרשוין און, אַפּנים, געהאַט שלעכטע נאָכריכטען...

— אַ! די באַראָנעסע דיוויליאַר, איך קען זי, ווי דען... נאָך היינט וועל איך געהן צו איהר! האָט פּ ע ר אויסגעשריען מיט אַ צובלוטיגט האַרץ — עס איז ניט מעגליך אַ מענשען לאָזען לענגער אין אַזא צושטאַנד.

דערווייל איז סעליני א צוריק געקומען און געבראַכט ברויט מיט אַ קוואַרט וויין. זיי האָבען זאַלבעדריטט אַניידער געזעצט לאַווריאַוו׳ן אויף דעם הויפען שמאַטעס, איהם דערלאַנגט עסען און טרינקען, נאָכדעם אַוועקגעלעגט געבען איהם דאָס רעשט וויין און ברויט — אַ גרויס פעניץ פון פיער פונט. און איהם אַנגעזאָגט וואַרטען, ניט אויפעסען אַללעס פאַר אַמאָל.

— דער העררר גייסטליכער וואָלט בעדאַרפט איבערלאָזען זיין אַדרעס, פּיעלייכט וועט מען עפּעס ברויכען — האָט געזאָגט מאַדאַם טעאָדאָר, ווען זיי זיינען צוריקגעקומען צום טהיר פון איהר דירה.

פּ ע ר האָט גראַדע ניט געהאַט קיין וויזיט־קאַרטע און אַללע דריי זיינען אַריין אין צימער. סאַלוואַ איז שוין ניט געווען אַליין. אין צימער איז געשטאַנען נאָך אַ יונגער מאַנן, פון אַ יאָהר צוואַנציג. און סאַלוואַ איז געווען פאַרטיעפט אין

א שטארקען שמועס מיט איהם. דער גאסט איז געוועזען א מאגערער ברונעט, די האר געשוירען ביז צום הויט, דאס בערדיל נאר וואס ארויסגעשפּראצט, ליכטיגע אויגען, א גלייכע נאז אונ דינגע ליפּפּען. אויף זיין בלאססען, לעבעדיגען, קלוגען געזיכט זענען וואו-ניט-וואו געוועזען קליינע זוממער-שפּרענקעליך. ער האט געציטטערט פאר קעלט אין זיין לייכטען, אבגעטראגענעם ראקיל. דער שטערן איז געוועזען ווי אנגע-ברוגזט, איינגעשפּארט.

— דער הערר גייסטליכער וויל מיר איבערלאזען זיין אדרעס מכח דעם פּילאזאף — האט מאדאם טעאדאר שטילל געזאגט אונ ס'איז געוועזען קענטיג, אז זי איז ניט צופריעדען וואס א פרעמדער איז אין צימער.

ביידע מאנספּערזאנען האבען אקוק געטהון מיט א באזער מינע אויפ'ן גייסטליכען, נאכדעם איינער אויפ'ן צווייטען אונ זיינען מיט אמאל שטילל געבליבען, גלייך דער אטהעם וואלט זיי פערחאפּט פון דער אייזיגער קעלט וואס האט געוויית פון סופיט.

סאלוואַ האט פאמעלאכ'ן אויפגעהויבען דעם זעקעל אינסטרומענטען וואס איז געשטאנען אנגעשפּארט צום וואנט.

— דו געהסט אוועק? ווייטער זוכען ארבייט?

ער האט קיין ווארט ניט געענטפערט, נור מיט כעס א מאך געטהון מיט'ן האנד ווי איינער רעדט: מיר איז שוין אללעס איינס, אז די ארבייט זוכט מיך ניט וועל איך זי אויך ניט זוכען.

— פונדעסטוועגען סטארע זיך עפּעס ברענגען; ווייסט דאך, ביי אונז איז שוין אללעס אויסגעגאנגען... וויפיעל א זייגער וועסטו צוריק קומען?

ער האט ווידער געענטפערט מיט א שטוממער בעוועגונג, אז ער וועט קומען ווען ער וועט קאננען אונ אפשר וועט ער שוין קיינמאל ניט צוריק קומען. זיינע בלויע, מאטטע אויגען האבען א פונקעל געטהון אונ זיינען פייכט געווארען, אבוואהל ער האט זיך בעמיהט מיט אלע כחות אונטערדריקען די טרערען. ער האט געחאפּט די טאכטער סעלינא, זי שטארק צוגעדריקט צו זיך אונ איז האסטיג ארויס, צוזאממען מיט'ן יונגען חבר, דאס זאקיל אונטער'ן ארם.

— סעלינא — האט מאדאם טעאדאר געזאגט דעם מיידעל — גיב דעם הערר גייסטליכען א בלייפעדער. ביטטע מיין הערר, זעצט אייך דא אהער, וועט אייך זיין בעקוועמליכער צו שרייבען.

פּיער האט זיך געזעצט ביים טיש אויף דעם בענקעל וואו סאלוואַ איז נור-וואס געזעסען.

— ער איז ניט קיין שלעכטער מענש — האט זי גענומען פארענטפערען איהר מאנן וואס האט זיך אזוי גראב אויפגעפיהרט — נאר פון פיעל ביטטערקייט אונ פערדרוס אין זיין לעבען איז ער געווארען באז, נערוואזע. דאס זעלבע איז מיט'ן יונגען מאנן וואס איהר האט דא געזעהן, וויקטאר מתּית. עס געהט איהם ניט! חאטש ער איז

אַ אויסְגעצֵייכֶענְטֶער יוּנְג, גוּט עֶרְצוֹיגֶען, גֶעבִּילְדֶעט; זַיין מוּטְטֶער, אַ נְ'אַלְמָנָה, הָאט אויךְ אַ גֶעמוּטְשֶׁעט לֶעבֶּען, קוים וָואס זִי שְׁלָאגְט זִיךְ דוּרְךְ. נוּ, פַארְשְׁטֵייט זִיךְ אַז זַייעֶר קָאפּ אִיז פַארְדְרֶעהט אוּנ זֵיי גֶעהֶען אַרוּם מִיט דִי גֶעדַאנְקֶען אִיבֶּערְקֶעהְרֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט... אַזָאלְכֶע פַיינֶע־בְּרִיוֹת הויבֶּען מִיר נִיט אָן צוּ גֶעפֶאלְלֶען אוּנ דָאךְ וִוילְט זִיךְ מִיר שְׁטַארְק, זֵיי פַארְעֶנְטְפֶערן...

פְּ יֶ ע ר הָאט זִיךְ נִיט גֶעאַיילְט שְׁרַייבֶּען זַיין אַדְרֶעס אוּנ הָאט נַייגִיעֶרִיג אויסְגֶעהֶערְט אִיהְרֶע רֵייד.

— וֶוען אִיהר, הֶערְר נַייסְטְלִיכֶער, זָאלְט וִויסֶען וָואס פַאר אַ נְ'אוּמְגְלִיכְער מֶענְשׁ דֶער סַ א לְ וַ א אִיז! אַלְס קִינְד אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען אַ עֶלֶענְדֶער יָתוֹם, אָהְן אַ פָאטֶער אוּנ אָהְן אַ מוּטְטֶער. אַנְפַאנְגְס הָאט עֶר זִיךְ אַרוּמְגֶעשְׁלֶעפְּט אויף דֶער וֶועלְט, גֶעפְּרוּבְּט אַלְלֶע מְלָאכוֹת, צוּ פֶערְדִיעֶנֶען אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט. נָאכְדֶעם אִיז עֶר גֶעוָוארֶען אַ מֶעכַאנִיק אוּנ דַוְקָא אַ גוּטְטֶער מַייסְטֶער, בְּנֶאֱמָנוּת, אַ גֶעשִׁיקְטֶער, אַ פְלַייסִיגֶער. נָאר שׁוֹין דַאמָאלְס הָאט אִיהְם אָנְגֶעהויבֶּען פַארְדְרֶעהֶען דֶער מוֹחַ, עֶר הָאט לִיעבּ גֶעהַאט מִיט אַלְלֶעמֶען זִיךְ אַרוּמְרַייסֶען, אַרָאבְּגֶעפִיהְרְט פוּן וֶועג זַיינֶע חֲבֵרִים, מִיט אַיין וָוארְט: עֶר הָאט עֶרְגֶעץ נִיט גֶעקָאנְט אַיינְלֶעבֶּען. עֶנְדְלִיךְ, אַז עֶר אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען אַ יָאהר דְרַייסִיג, הָאט אִיהְם עֶפֶּעס אַ מַאשִׁינֶען־מַאכֶער פַארְנַארְט אִין אַמֶערִיקַא אוּנ גֶעבְּרַאכְט דֶערְצוּ, אַז אִין זֶעקְס יָאהְר שְׁפֶּעטֶער אִיז עֶר צוּרִיק גֶעקוּמֶען אַ הַיים אַ קְרַאנְקֶער אָהְן אַ גְרָאשֶׁען גֶעלְט... אִיהְר דַארְפְט וִויסֶען, אַז מַיין יוּנְגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער, לֶ ע אָ נְ יֶ ע, אִיז גֶעוֶועזֶען זַיין וַוייבּ. זִי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען נָאךְ עֶהֶדער עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען אִין אַמֶערִיקַא, אוּנ הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַ יָאהְרִיגֶע טָאכְטֶער, סֶ ע לִ י נַ א ן. דַאמָאלְס הָאבּ אִיךְ נָאךְ גֶעלֶעבְּט מִיט מַיין מַאנְן, טֶ ע אָ דָ א ר לַ א בִּ י ט ט, אַ מוּלְיֶער. אִיךְ וִויל מִיךְ נִיט בְּרִיהמֶען, נָאר אִיךְ זָאג אַייךְ, אַז וִוי שְׁוֶוער אוּנ בִּיטְטֶער אִיךְ הָאבּ גֶעאַרְבֵּייט, גֶע־בְּלֶענְדֶעט דִי אויגֶען אִיבֶּער'ן נָאדֶעל, הָאט עֶר מִיךְ דָאךְ שְׁטֶאנְדִיג גֶעשְׁלָאגֶען, גֶעמַמִית'ט. דֶער סוֹף אִיז גֶעוֶוען אַז עֶר הָאט מִיךְ אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען אוּנ אִיז עֶנְטְלָאפֶען מִיט אַנְ'אַנְדֶערֶע. וָואס אֱמֶת, דִי זַאךְ הָאט מִיךְ מֶעהר גֶעפְרֵייט וִוי גֶעאֶרְגֶערְט... ס'פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ, וֶוען סַ א לְ וַ א אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען אוּנ מִיךְ גֶעטְרָאפֶען אַלֵיין מִיט דֶער קְלֵיינֶער סֶ ע לִ י נַ א וָואס אִיךְ הָאבּ עֶרְצוֹיגֶען אוּנ גֶעהַאלְטֶען וִוי אַ אַייגֶען קִינְד, הָאבֶּען מִיר אָנְגֶעהויבֶּען וָואהנֶען צוּזַאממֶען. חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיר נִיט גֶעהַאט, נָאר דָאס אִיז דָאךְ אַלְלֶעס אַיינְס; נִיט אֱמֶת, הֶערְר נַייסְטְלִיכֶער?

אוּנ מַאדַאם טֶ ע אָ דָ א ר אִיז דָאךְ אַ בִּיסֶעל פַארְשֶׁאמְט גֶעוָוארֶען, אָבְּוָואהל זִי הָאט נִיט אויפְגֶעהֶערְט צוּ עֶרְצֶאהלֶען וֶועגֶען זִיךְ, גְלַייךְ זִי וָואלְט וֶועלֶען וַוייזֶען אַז זִי שְׁטַאמְט פָארְט פוּן אַ שֶׁענֶע פַאמִילְיֶע:

— מִיר אִיז קֵיינְמָאל נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין לֶעבֶּען, נָאר אִיךְ הָאבּ נָאךְ אַ צְוַוייטֶע שְׁוֶועסְטֶער, הָ א רְ טֶ ע נְ זְ יַ א, אִיז זִי אַ טְשִׁינָאוְונִיקְס פְרוֹי אוּנ וָואהנְט אִין אַ גַאנְץ שֶׁענֶער דִירָה אויף'ן בּוּלְוַואר רָאשְׁשׁוּאַר. מִיר זַיינֶען גֶעוֶוען דְרַיי שְׁוֶועסְטֶער פוּן דֶער צְוַוייטֶער וַוייבּ — הָ א רְ טֶ ע נְ זְ יַ א, דִי יוּנְגְסְטֶע פוּן אוּנְז אַלְלֶע, לֶ ע אָ נְ יֶ ע וָואס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,

און איך, פּאליפּא — גאר די עלטסטע. א ברודער האב איך פון איין טאטען, עזשען טוסען, א יאהר צעהן עלטער פון מיר. ער איז אויך א מעכאניק און צייט דעם לעצטען קריעג ארבייט ער אלץ אין דער איינגענער פאבריק, ניט ווייט פון דאנען, אויף מארקאדע גאסס. די גאנצע צרה איז וואס ערשט ניט לאנג האט איהם דער שלאג געריהרט... און איך האב פארלארען מיינע אויגען ארבייטענדיג 10 שעה אין טאג מיט'ן נאדעל. יעצט קען איך שוין ניט אפילו עפּעס פארלאטען, אזוי טרערען מיר די אויגען. איך האב מיר געזוכט א נ'ארט, געוואלט ווערען א דינסט, א טאג-מענש, קען אבער ניט געפינען, דער שלימזל לאזט מיך ניט אפּ. און אזוי מוטשען מיר זיך אין אייביגען דלות, מען לעבט ערגער ווי דער הונד, אין שטוב איז ניטא קיין זאך, און זעהר אפט טרעפט אז ס'קומט ניט אין אונזער מויל קיין שטיקעל טרוקען ברויט צוויי טאג נאכאנאנד. די לעצטע צוויי חדשים פראסט איז נאך געווען א צוגאב, מיר זיינען אזוי דערפרוירען געווארען אין דער צייט, אז מאנכעס מאל, אויפשטעהענדיג אין דער פריה האבען מיר זיך אלליין געוואונדערט וואס מיר לעבען נאך... וואס זאל מען טהון! איך האב קיינמאל ניט געוואוסט פון גליק! פריהער האט מען מיך געשלאגען אהן רחמנות, היינט טויג איך שוין צו גארנישט, פארווארפען אין ווינקעל און ווייס אליין ניט צו וואס לעב איך אויף דער וועלט.

איהר שטימע האט געציטערט, די אנגעצונדענע אויגען זענען געווארען פארגאסען מיט טרערען, און פּיער האט פארשטאנען אז אזוי וויינט זי איהרע גאנצע יאהרען, אז זי איז איינגענטליך א גוטע פרוי, נאר אהן ווילען, שוין אויסגעמעקט פון לעבען, זי ווייס ניט פון ליעבע, לעבט מיט א מאנספערזאן צוזאממען ווייל זי האט קיין אנדער ברירה ניט.

— א, אויף סאלוא'ן האב איך ניט וואס צו בעקלאגען זיך — האט זי ווייטער גערעדט — ער איז א אויסגעצייכענטער מענש, טראכט נור אז די וועלט זאל זיין גליקליך; ער טרינקט ניט, ארבייטעט ווען ער קאן. ער וואלט אבער א סך מעהר געארבייט ווען ער זאל זיך ניט פארדרעהען דעם קאפּ מיט פּאליטיקע. מען קען ניט טהון צוויי מלאכות צוזאממען: שמועסען מיט קאמראדען, געהן אויף אסיפות און אין דער זעלבער צייט זיין אין ווערקשטאט. דאס איז זיין שולד — וואס אמת איז אמת. און דאך בעקלאגט ער זיך ניט אומזאנסט — איהר קענט אייך גאר ניט פארשטעללען ווי דאס אונגליק פערפאלגט איהם אויף יעדען טריטט. אפילו א מלאך וואלט געקענט פון זינען אראפּ, היינט ווי זאל ער ניט באז און משוגע ווערען? אין די לעצטע צוויי מאנאטען האט ער בעגעגענט נאר איין איינציגען מענשען, א געלעהרטען, גיליאם פראמאן; ער וואהנט דארט, אויפ'ן בארג, און גיט איהם מאנכעס מאל א שטיקעל ארבייט — א דאנק דעם גוטען מענשען, קענגען מיר חאטש אמאל פארזוכען א ביססעל ווארעם געקעכץ.

פּיער האט זיך שטארק פארוואונדערט דערהערענדיג זיין ברודערס נאמען און ער האט איהר געוואלט נאך איינינע זאכען פרעגען, אבער עס איז איהם עפּעס אונ-

בעקוועם געוועזען רעדען וועגען ברודער. ער האט א קוק געטהון אויף סעלינא'ן, וואס איז געשטאנענען שטיל אהן ווארטער, מיט איהר ערנסטען געזיכט פון א קראנק קינד. די מאדאם טעאדאר האט בעמערקט ווי ער שמייכעלט צום מיידיל, אונ האט ווייטער געזאגט:

— איהר ווייסט, די הויפט-זאך וואס איהם צורייצט אונ צוקאכט, איז דער געדאנקען וועגען דעם מיידיל. זי איז ביי איהם א נ'אויג אין קאפ אונ ער איז גרייט אללעס צורייסען ווען ער זעהט, זי לעגט זיך שלאפען מיט א הונגעריגען מאגען. זי איז א זא ליעב קינד, האט אזוי גוט געלערנט אין דער קלויסטער-שולע, אונ יעצט האט זי ניט אפילו א שטיקעל מלבוש אנצוטהון געהן אין שולע.

פ ע ר האט ענדליך פארשריבען זיין אדרעס, אריינגעשטעקט דעם קינד אין האנט א פינף-פראנקשטיק אונ האסטיג געזאגט, זיי זאלען קיין צייט האבען איהם אפדאנקען:

— איהר וועט שוין וויסען וואו מיך אפזוכען אז מען וועט עפעס ברויכען פאר לאוואו. איך וועל נאך היינט טהון אין דעם, מען זאל איהם צונעהמען, אונ האף אז אין אבענד וועט מען נאך איהם שיקען.

מאדאם טעאדאר האט ניט געהערט אונ איהם געדאנקט אהן אויפהער, אונ סעלינא, וואס איז געוואַרען איבערראשט דערזעהענדיג אזא גרויסע מטבע פון הונדערט סו ביי זיך אין האנד, האט געמורמעלט אליין צו זיך:

— אך, דער ארימער פאפא! ער איז געגאנגען זוכען גראשענס! זאל איך אפשר לויפען, איהם צוריק רופען, זאגען אז אויף היינט האבען מיר גענוג?

דער גייסטליכער האט שוין אין קארידאר דערהערט ווי די פרוי האט געענטפערט:

— יעצט איז ער שוין ווייט. אויב ער האט זיך ניט אפגעשטעללט ערגעץ אויפ'ן וועג. פיעללייכט וועט ער זעלבסט קומען.

פ ע ר האט זיך ארויסגעכאפט פון דעם הויז, וואס איז פול שרעקליכקייטען אונ עלענד. ער האט געפיהלט א רוישונג אין קאפ אונ א שרעקליכען וועהטאג אין הארצען. ארויסגעהענדיג האט ער פארוואונדערט בעמערקט, ווי סאלוואַ אונ וויקטאר מתית שטעהען ביידע אין א ווינקעל פון שמוציגען הויף וואו עס שטינקט ווי אין א אפטרעט. זיי זיינען ארויס אהער, ענדיגען דא זייער שמועס וואס זיי האבען ניט געקענט אויספיהרען אין צימער. דא האבען זיי ווייטער עפעס גערעדט איטער מיט'ן צווייטען, געטענה'ט מיט גרויס חשק, מיט היטץ, די אויגען האבען ביי ביידען געבלישצעט. דערהערענדיג די טריטט פון גייסטליכען זיינען זיי מיט א מאהל אבגעקיהלט אונ פערשוויגען געוואַרען, ניט גערעדעט מעהר א ווארט, נור איינער דעם אנדערען געדריקט פעסט די האנד. וויקטאר איז אוועק אין דער זייט פון מאנמארטר אונ סאלוואַ איז געבליעבען שטעהן, גלייך ער וואלט זיך געיישוב'ט וואס צו טהון. נאכדעם האט ער אויסגעגלייכט זיין מאגערען, אויסגעארבייטען אונ אויסגעהונגערטען קערפער, האט

זיך אַ קעהר געטהון צו דער מאַרקאַדע גאַס אונ גענומען געהן מיט'ן װעקעל אינסטרומענטען אונטערן אָרם.

פ ע ר האָט אַנפאַנגס געװאָלט איהם נאָכלױפען אונ זאָגען אַז די טאָכטער רופט איהם צוריק אַהײם, נאָר באַלד האָט ער זיך אָבגעהאַלטען, עס האָט איהם פערפעהלט מוטה. לאָז שױן זײן װי עס געהט, מען קאָן ניט איבערמאַכען דעם שיקזאַל... ער איז אָבער יעצט שױן ניט געװעזען אַזױ רוהיג, ניט געפיהלט אין זיך אַזאַ קאַלטע טרױערקײט װי אין דער פריה. דאָ אױף דער גאַס, אין דעם קאַלטען טומאַן האָט ער אין זיך געשפּירט אַ פיבער-היטץ; אין איהם האָט זיך װידער אָנגעצונדען אַ פײער פון באַרימהערציגקײט, נאָכדעם װי ער האָט געזעהן אַזאַ שרעקליכע נױטה אונ אָרימקײט. נײן, נײן! די װעלט איז פול אונ פול מיט צרות אונ לײד, מען דאַרף ניט אױפהערען קאַמפּפען. באַטעװען לאַװוזאַװ'ן, חאָטש עטװאָס ערקװיקען אַזױ פיעל אומגליקליכע אָרימע לײט. ער װעט יעצט מאַכען אַ נײע פּראָבע מיט דעם פאַריז װאָס ליעגט פאַר איהם אײנגעװיקעלט אין אַ טומאַן פון אַש-קאָליר. אין פ ע ר'ס קאָפּ האָט װידער אױפגעלעבט די פאַנטאַזיע אַז עס װעט אָנהױבען שײנען די גרױסע זונן װאָס װעט אױסזאָען געזונד אונ פרײד, זי װעט איבערמאַכען די שטאָדט פאַר אַ גרױס בליהענדיגעס פעלד אונ פון דעם פעלד װעט אַרױסװאַקסען אַ נײע, בעססערע װעלט.

---

## II.

אין יענעם פריהמאָרגען איז בײ דעם באַראָן ד י װ ו י ל י אַ ר געװען אַ הײמישער פריהשטיק, אױף װעלכען עס זײנען צוזאַמענגעקומען אײניגע גוטע פרײנד, מײסטענס אומגעבעטען. אַזאַלכע פריהשטיקען פאַר הײמישע מענשען פלעגען דאָרט זײן כמעט אַלע טאָג. דער גרױסאַרטיגער פּאַלאַץ אױף אײנע פון די שאָנסטע גאַסען, ניט װײט פון בולװאַר מ אַ ד ע ל ע נ אַ, איז הײנט, אין דעם קאַלטען טומאַניגען טאָג, געװען פולל זעלטענע בלומען, װעלכע די באַראָנעסע האָט זעהר ליעב געהאַט. די הױכע, פּראַכטפאָללע צימערן, אָנגעשטעללט אונ בעהאַנגען מיט זעלטענע קינסטלערישע זאַכען, האָבען דורך די בלומען אױסגעזעהן װי אַ װינטער-גאָרטען, װאו דער בלאַססער, טרױעריגער שײן פון טאָג האָט געמאַכט אַ נ'אַנגענעהמען, ליעבליכען אײנדרוק.

די גרױסע צימערן פאַר געסט זײנען געװען אונטען, מיט די פענסטער אין אַ ברײטען, געראַומיגען הױף. פאָרענט, פאַר די צימערן, אַ קלײן װינטער-גאָרטיל, װאו צװײ לאַקאַיען אין דונקעל-גרינע קלײדער מיט גאָלדענע פאַססען, זײנען שטענדיג געשטאַנען אױף דיזשור. דעם גאַנצען פּראָנט פון צפון זײט האָט פאַרנומען אַ בעריהמטע בילדער-גאַלעריע, װעלכע מען האָט געשאַצט ביז עטליכע מיליאָן פראַנק. דורך די פּאַראַדנע טרעפּ איז מען אַרױף אין צימערן, װאו ס'האָט געװאָהנליך גע-

וואהנט די פאמיליע; זיי זיינען בעשטאנען פון אַ גרויסען פאנסענעם זאל, אַ קליין בלוי גאסט־צימער, אַ קאבינעט, אויסגעשלאגען די וואנד מיט גאנץ אלטען לעדער און מעבלירט אויפ׳ן ענגלישען פאסאן; נאכדעם זיינען געגאנגען שלאף־צימערן און גארדעראבע־צימערן.

דער זייגער האט נאך ניט געשלאגען קיין צוועלף; דער באראן דיוויליאר איז היינט געקומען דער ערשטער, פריהער פאר אללע, אין דעם קליינעם בלויען גאסט־צימער. ער איז געווען אַ מאנן פון אַ יאהר זעכציג, הויך און שטארק, מיט אַ גראבע נאז, אַ ברייטען פליישיגען מויל און וואלפישע צאהן וואס האבען נאך ביז היינט בעהאלטען זייער שאנקייט. ער איז אבער נאך אין דער יוגענד געווארען פליכיג, און דאס ביסעל האר וואס איז איהם געבליבען פלעגט ער פארבען, דעם בארד אין גאנצען ראזירען צייט ער איז גרוי געווארען. די גרויע אויגען האבען שטאלץ און ענערגיש געלויכטען, זיין געלעכטער האט געקלונגען מיט נצחון, און דאס גאנצע אויסזעהען איז געווען פון אַ מענשען וואס פיהלט זיין קראפט, זיין ממשלה, אַ מענשען וואס טהוט ווי איהם געפאללט, פרעגט ניט נאך קיינעם און אללע מוזען איהם פאלגען און זיך אונטערגעבען;

ער איז דורכגעגאנגען הין און צוריק אין צימער און געבליבען שטעהן פאר אַ זעלטענעם קארב מיט בלומען נעבען פענסטער. אויפ׳ן קאמין, אויפ׳ן טיש — איבעראלל האבען געשמעקט בינטעלעך פיאלקעס. ער האט זיך אוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל בעשלאגען מיט בלויען אטלאס געשטריקט אין זילבער, און איז געזעססען אַ היפשע צייט שטילל, ווי איינגעשלאפען דורך די זיססע ריחות, די ליעבע ווארים־קייט און שטיללקייט. נאכדעם האט ער ארויסגעשלעפט אַ בלאט צייטונג פון טאש און גענומען לעזען אַ נ׳ארטיקעל; דאס גאנצע הויז ארום איהם האט ווי געטרומייטערט פון זיין אונגעהייער רייכטום, זיין תקיפות און די גאנצע געשיכטע פון דעם לעצטען יאהרהונדערט וואס האט איהם געמאכט פאר אזא שטארקען הערשער פון מיליאנען.

דער זיידע זיינער, זשעראם דיוויליאר, אַ זוהן פון אַ קליינעם אדוואקאט, איז אין יאהר 1788 געקומען אין פאריז, אלס 14־יאהריגער בחור און איז געווען אַ שרייבער ביי אַ נאטאריוס. דאס איז געווען זעהר אַ טרוקענער מענש, נאר ספריטנע און אַ שרעקליכער רודף נאך געלד. ער האט זיך באלד געווארפען אויף פערשיעדענע געשעפטען, ביז ענדליך איז ער געווארען אַ ליווראנט (פאדראטשיק) ביי דער קייזערליכער ארמעע און האט אנגעקליבען מיליאנען. דער פאטער זיינער, גרעגואר דיוויליאר, זשעראמס זוהן, געבארען אין 1805 יאהר, איז געווען דער פער פון דער גאנצער משפחה; דער קעניג לואי פיליפ האט איהם געגעבען דעם טיטעל „באראן״, און ער איז אַ לאנגע צייט געשטאנען אין דער שפיץ פון די גרעסטע געלט־געשעפטען, די שפעקולאציעס, און געמאכט אַ אונגעהייערען פארמעגען פון די אייזענבאהנען, אייזען־גריבער און דעם סועץ־קאנאל. נאך זיין טויט האט דער זוהן, דער היינטיגער באראן אנרי, וואס איז געבארען געווארען אין יאהר 1836, זיך

גֶענוּמֶען צוּ דִי גֶעשֶׁאפְטֶען עֶרְשְׁט וֶוען עֶר אִיז אַלְט גֶעוֶוען פִינְף־אוּנ־דְרַייסִיג יָאהר, אָבֶער דֶערְפַאר אַזוֹי פְלַייסִיג זִיךְ אַרַיינְגֶעטְהוּן אִין זֵיי, אַז אִין פִינְף, אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר אִיז זַיין פֶערְמֶאגֶען גֶעוָוארֶען צְוֵויי מָאל אַזוֹי גְרוֹים. עֶר הָאט אַלְץ פֶערְנִיכְטֶעט, אַלְץ אַיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען, צוּ וָואס עֶר הָאט זִיךְ נִיט צוּגֶערִיהְרְט. גֶעגֶעבֶען חַאבַאר אִיבֶּער־קוֹיפֶען אִיז עֶר גֶעוֶוען אַ מַייסְטֶער. שֵׂכֶל הָאט עֶר גֶעהַאט וֶוענִיגֶער פוּן פָאטֶער אוּנ פוּן זֵיידֶען; עֶר הָאט אַם מֶעהְרְסְטֶען גֶעזוּכְט נוּר פֶערְגְנִיגֶען, הֲנָאָה הָאבֶען פוּן זַיין פֶערְמֶאגֶען, דָאךְ אִיז עֶר גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער בֶּרְיָה, זֶעהר פֶאהִיג צוּ זַיינֶע גֶעשֶׁאפְטֶען: וָואס עֶר הָאט פָארְגֶענוּמֶען הָאט עֶר גֶעמוּזְט אוֹיסְפִיהְרֶען, גֶעשַׁארְט מִילְיָאנֶען ווִי מִיט לָאפַּאטֶעס, גֶעקוּקְט שְׁטָאלְץ אוֹיף דֶער רֶעגִירוּנְג, גֶעפִיהְלְט זַיין כֹּחַ, גֶעוואוּסְט אַז אוֹיבּ עֶר קֶען נִיט אָבְקוֹיפֶען גַאנְץ פְרַאנְקְרַייךְ, אָבֶער וֶוענִיגְסְטֶענְס קֶען עֶר בֶּעהַאלְטֶען אִין טַאשׁ אַ גַאנְץ מִינִיסְטֶערְיוּם.

דֶער בַּארָאן הָאט גֶענוּמֶען לֶעזֶען מִיט גְרוֹיס אִינְטֶערֶעס אַ אַרְטִיקֶעל אִין דֶער גְרָאשֶׁען־צַייטוּנְג „פָאלְקְס־שְׁטִימְמֶע". דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ בִּילְלִיגֶע גֶעמֵיינֶע צַייטוּנְג, וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען אַ פְרוּמֶע מַאסְקֶע, גֶעשְׁרִיעֶגֶען אַז זִי נֶעהְמְט זִיךְ אָן פַאר'ן אֱמֶת אוּנ פַאר'ן יוֹשֶׁר, פַאר גָאט אוּנ רֶעלִיגְיֶע, אוּנ אַלְלֶע פְרִיהְמָארְגֶען הָאט זִי אָפְּגֶעדְרוּקְט אַ נַייֶעם סְקַאנְדַאל, צוּ פַארְגְרֶעסֶערְן דַאדוּרְךְ דִי צָאהל פוּן אִיהְרֶע פְּרֶענוּמֶערַאנְטֶען. הַיינְט אִין דֶער פְרִיה אִיז אִין אִיהְר גֶעוֶוען גֶעדְרוּקְט מִיט גְרוֹיסֶע בּוּכְשְׁטַאבֶּען אַ אוֹיפְשְׁרִיפְט פוּן אַ אַרְטִיקֶעל: „דִי גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דִי אַפְרִיקַאנִישֶׁע אַייזֶענְבַּאהְנֶען. 25 מִילְיָאן שׁוֹחַד, צְוֵויי אוּנְטֶערְגֶעקוֹיפְטֶע מִינִיסְטָארֶען, דְרַייסִיג קָאמְפְּרָאמֶעטִירְטֶע דֶעפּוּטַאטֶען אוּנ סֶענַאטָא־רָאן". אִין אַרְטִיקֶעל זֶעלְבְּסְט, וָואס אִיז גֶעוֶוען גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער עַזּוּת'קַייט אוּנ גְרָאבְּקֵייט, הָאט דֶער הוֹיפְּט־רֶעדַאקְטָאר, דֶער בֶּעקַאנְטֶער סַ א נְ יֶ ע, מוֹדִיעַ גֶעוֶוען, אַז עֶר הָאט אִין הַאנְד אוּנ וֶועט בַּאלְד אָפְּדְרוּקֶען אַ צֶעטְטֶעל פוּן צְוֵויי אוּנ דְרַייסִיג דֶעפּוּטִירְטֶע, פַּארְלַאמֶענְטְס־לַייט אוּנ סֶענַאטָארֶען, וָואס דֶער בַּארָאן דִיוִוילְלַיאר הָאט זֵיי אִיבֶּערְגֶעקוֹיפְט זֵיי זָאלְלֶען מִיטְשְׁטִימְמֶען אוּנ מַסְכִּים זַיין צוּ דִי אַפְ־רִיקַאנִישֶׁע אַייזֶענְבַּאהְנֶען. דֶערְצוּ הָאט דֶער שְׁרַייבֶּער נָאךְ צוּגֶעגֶעבֶען אַ גַאנְצֶע גֶע־שִׁיכְטֶע, וָואס הָאט פַּאסְסִירְט מִיט אַ גֶעווִיסְסֶען גִ י נְ טֶ ע ר, וֶועלְכֶען דֶער בַּארָאן הָאט בֶּענוּצְט אַלְס זַיין אַגֶענְט אוּנ הַיינְט אִיז עֶר עֶנְטְלָאפֶען *).

דֶער בַּארָאן אִיז זִיךְ גֶעזֶעסְסֶען גַאנְץ רוּהִיג אוּנ הָאט גֶעלֶעזֶען וָוארְט פַאר וָוארְט, אִיבֶּערְגֶעקַייט יֶעדֶע פְרַאזֶע, אוּנ אָבְוָואהל עֶר אִיז גֶעוֶוען אַלֵיין אִין צִימְמֶער, הָאט עֶר אָפְט גֶעצוֹיגֶען מִיט דִי אַקְסְלֶען אוּנ גֶערֶעדְט הוֹיךְ; ס'אִיז קֶענְטִיג גֶעוֶועזֶען אָן אִיהְם אַז עֶר אִיז פָאלְקָאמְמֶען זִיכֶער בַּיי זִיךְ, פִיהְלְט זַיין כֹּחַ, אוּנ נֶעהְמְט זִיךְ גַאנְץ וֶוענִיג צוּם הַארְצֶען פוּן אַזָאלְכֶע אַרְטִיקְלֶען.

*) מיט דער צייטונג „פאָלקסשטיממע" מיינט דאָ זאָלאַ די בעקאַנטע פאַריזער אַנטיסעמיטישע סקאַנדאַלעזע צייטונג „ליבער פאַראָל" (דאָס פרייע וואָרט). דער הויפט רעדאַקטאָר איז דער צורר היהודים דרימאָן. זאָלאַ רופט איהם דאָ „סאַניע".

— אַ דוּרַאק! ער וַויים נאָך פִיעל וועניגער פוּן דעם וואס ער שרייבּט.

אין דער זעלבּער מינוט איז פּוּנקט אַריין אין צימער דער ערשטער גאַסט — אַ הערר פוּן אַ יאָהר פיער און דרייסיג אָדער עטוואס ווייניגער, געקליידעט זעהר עלעגאַנט, אַ שיינער בּרינעט, מיט פּראַהליכע אויגען, אַ דינע נאָז, געקרייזעלטע האָאר — זיין גאַנצע פיגור האָט געהאַט אין זיך עטוואס ליבּטזיננינקייט. היינטיגען פריה־מאָרגען האָט ער, אַלס אויסנאַהמע, אויסגעזעהן נערוועז, אוּנרוּהיג, און זיין שמייכעל איז געוועזען ווי געצוואונגען.

— אָה, דאָס זיינט איהר, דוּטיל! — האָט דער בּאַראָן געזאָגט אויפשטעהענדיג — איהר האָט געלעזען?

ער האָט געוויזען אויף'ן בּלאַטטיל צייטונג „פּאָלקס שטיממע” וועלכען ער האָט שוין געהאַט צונויפגעלעגט און געוואָלט אַריינלעגען אין טאַש.

— געוויס, געלעזען. ס'איז געפּלוידערט... ווי אַזוי האָט סאַניע געקענט בּעקוּממען דאָס צעטטעל פוּן די פּאַמיליעס? אָדער געפינט זיך צווישען זיי אַ מסר?

דער בּאַראָן האָט איהם רוּהיג אָנגעקוּקט און געקוואָלען זעהענדיג ווי ער איז איבּערגעשראָקען. דוּטיל איז געוועזען אַ זוהן פוּן אַ אָרימען אָבּער ערליכען נאָטאַריוּס אין אַ נגוּלעם און אין דעם זכות פוּן זיין פאָטער האָט איהם זיין שטאָדט נאָך גאַנץ יוּנג אויסגעקליבּען פאַר אַ דעפּוּטאַט אין פּאַרלאַמענט אין פּאַריז. דאָ האָט ער געפיהרט אַ פּראַהליך לעבּען, געזוּכט פערגניגען. זיין שאָנע וואָהנוּנג אויף סירען גאַס, זיין הצלחה צווישען די פרויען, בּיי וועלכע ער האָט שטאַרק נושא חן געוועזען, האָט איהם געקאָסטעט ניט ווייניג געלד, און ער האָט זיך פּראַהליך, ליבּטזיננינג אַריינגעלאָזט אין ניט קיין גלאַטטע געשעפטען, און גאָר ניט גענוּממען צוּם האַרצען וואָס ער פּאַרקויפט זיין ריינעם געוויססען, זיין סאַוועסט.

— בּאַ! — האָט דער בּאַראָן געענטפערט — ערשטענס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע צו האָט גאָר סאַניע אַזאַ צעטטעל, איך בּין שטאַרק מסופק אויבּ עס געפינט זיך גאָר אַזאַ מין צעטטעל. גינטער איז ניט אַזאַ נאַרר, ער זאָל אויסשרייבּען אַללע נאָמען. און צווייטענס, ווען אַפילוּ עס איז פאַראַן אַזאַ רשימה, איז אויך ניט קיין גרויס אוּמגליק. ס'איז אַ געוואָהנליכער עסק וואָס פּאַססירט יעדען טאָג...

דוּטיל, וואָס איז היינט צוּם ערשטען מאָל אין לעבּען געוועזען אוּנרוּהיג און דערשראָקען, האָט געשלוּנגען דעם בּאַראָנס רייד. איהם איז גאָטהיג געוועזען צוּ בּערוּהיגען זיך.

— אַ יאָ? — האָט ער אויסגעשריען — איך האָבּ אַליין אויך אַזוי געטראַכט: — די גאַנצע זאַך איז ניט ווערטה אַ אויסגעבּלאָזען איי.

ער האָט זיך בּעמיהט ווערען צוּריק פּראַהליך, און אין אמת האָט ער זעלבּסט ניט געוואוּסט קלאָר, ווי אַזוי איז איהם פוּן דעם געשעפט אַריינגעפאַללען צעהן טויזענד פראַנק: צוּ בּתורת הלואה אָדער געוואָהנליך חאַבּאַר, ווייל גינטער איז געוועזען זעהר לאָוקע און פאַרשטאַנען געבּען געלט אַז דער נעהמער זאָל גאָר ניט בּעמערקען

ווי מען וויל איהם איבערקויפען און זאל ניט האבען קיין געוויססענסביססען.

— נו, געוויס איז עס ניט ווערטה קיין אויסגעבלאזען אײ — האט פאטאקעוועט דער באראן, וואס האט שטארק הנאה געהאט וועהענדיג דוטיל'ס איבערגעשראקענע מינע — און וואס הערט זיך, האט איהר געזעהן סילוויאנא'ן?

— איך געה דאס טאקי פון איהר. זי איז אויף אייך שטארק אין כעס... היינט אין דער פריה האט זי זיך דערוואוסט, אז פון דעם גאנצען עסק, מען זאל זי אריינגעהמען אין „פראנצאזישער קאמעדיע", איז גאר נישט געווארען.

דער באראן האט זיך אנגעצונדען.

וועגען דעם סקאנדאל מיט די אפריקאנישע אײזענבאהנען האט ער גערעדט קאלט־בלוטיג, געמאכט פון דעם א שפאס, יעצט אבער, קוים איז געווארען א רעדע פון דער פרויענצימער וואס איז געוועזען זיין לעצטע ליעבע אויף דער עלטער, האט אין איהם אנגעהויבען קאכען דאס בלוט און ער איז ארויס פון די כלים.

— וואס הייסט ס'איז גאר נישט געווארען? ערשט פארגעסטערן האט מען דאך מיר אין דער געזעלשאפט פון „שאנע קונסטען" כמעט פערשפראכען אויף זיכער...

סילוויאנא איז געוועזען א אקטריסע. זי האט אויסגענוצען ביים עולם ניט מיט איהר טאלאנט, נאר מיט איהר שאנקייט. יעצט האט זיך איהר פערגלוסט אנקומען אין דעם טעאטער „פראנצאזישע קאמעדיע". דאס איז געוועזען מעהר ווי א קאפריז, א איינפאכער משוגעת פון איהר זייט: גאנץ פאריז האט געלאכט דערפון; וויל די שאנע אקטריסע האט געהאט א מאוס'ן נאמען, געוועזען אויסגעלאסען, פארדארבען אויפ'ן האכסטען גראד. זי איז אבער געוועזען ביי זיך שטארק פארריסען און דורכאויס געוואלט אנקומען אין יענעם טעאטער.

— דער מיניסטער האט ניט מסכים געוועזען — האט דוטיל ערקלערט.

דער באראן איז שיער ניט דערשטיקט געווארען פון גרויס כעס.

— דער מיניסטער, דער מיניסטער!... איך וועל איהם ווייזען, דעם מיניסטער! ער וועט ביי מיר באלד ברעכען דעם קארק.

ער האט געמוזט בלייבען שטיל: די באראנעססע איז אריינגעקומען אין דעם קליינעם גאסטצימער. די באראנעססע איז נאך געוועזען זעהר שאן, אבוואהל זי איז שוין אריבער דעם זעקס־און־פערציגסטען יאהר, א העללע בלאנדינקע, הויכגעוואקסיג, עטוואס דיקליך, מיט גראסארטיגע אקסלען און וואונדערליכע ארעם, די הויט ווי זייד, אהן א מינדעסטען פעהלער. די עלטער האט ניט געריהרט פון איהר שאנקייט. נאר איינס איז ביי איהר געעלטערט געווארען: דאס געזיכט, וואס האט אנגעהויבען פארוויאנעט ווערען און צייטענווייז זיך בעדעקט מיט רויטע פלעקען. דאס פלעגט איהר פארביטטערן דאס לעבען און זי האט זיך דערפון זעהר צום הארצען גענומען. דאס לאנגליכע געזיכט מיט די בלויע שמאכטענדע אויגען האבען געצייגט, אז זי שטאמט פון יודען. ווי א אזיאטישע שקלאפין איז זי פויל געוועזען, האט פיינד געהאט ריהרען זיך, געהן, אפילו רעדען איז איהר געוועזען שווער, און האט

גֶעשַׁיינְט ווִי גְעבּוירֶען נור פַאר אַ הַארֶעם. זִיהר גַאנְץ טְרַאכְטֶען אִיז שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶוען נָאר וֶועגֶען אִיהר שֶׁאנְקַייט. הַיינְט אִיז זִי גֶעוֶוען אָנְגֶעטְהוּן אִין גַאנְצֶען וַוייס, אַ קְלֵייד פוּן וַוייסֶען זַייד, אֵיינְפַאך אָבֶּער מִיט גֶעשְׁמַאק.

דוּטִיל אִיז עֶנְטְצִיקְט צוּגֶעלָאפֶען צוּ אִיהר אוּנ אַ קוּשׁ גֶעטְהוּן אִין הַאנְד.

— אָ, בַּארָאנֶעסֶע! קוּקֶענְדִיג אוֹיף אַייך וֶוערְט פְרִיהלִינְג אִין הַארְצֶען. פַּארִיז אִיז הַיינְט אַזוֹי דוּנְקֶעל, אַזוֹי בְּלָאטִיג...

אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער מִינוּט אִיז אַרַיין אַ צְוַוייטֶער גַאסְט, אַ הוֹיכֶער, שֶׁאנֶער מַאנְסְפֶּערְזָאן פוּן אַ יָאהר פִינְף אָדֶער זֶעקְס אוּנ דְרַייסִיג. דֶער בַּארָאן, וָואס הָאט גֶעבְּרֶענְט פוּן לַיידֶענְשַׁאפְט, הָאט בֶּענוּצְט דִי גֶעלֶעגֶענְהַייט אַרוֹיסְחַאפֶּען זִיך פוּן צִימְמֶער. עֶר הָאט אַוֶועקְגֶעשְׁלֶעפְּט מִיט זִיך דוּטִיל'ן אִין זַיין קַאבִּינֶעט, מִיט דִי ווֶערְטֶער:

— קוּמְט, מַיין טְהַייעֶרֶער, אַ מִינוּט צוּ מִיר אַהֶער. אִיך בֶּעדַארְף אַייך זָאגֶען נָאך אַ פָּאר ווֶערְטֶער מִכּח דֶעם עִנְיָן... הֶערְר דֶע־קֶענְסַאק וֶועט דֶערְוַוייל פַארבְּרֶענְגֶען מִיט מַיין פְרוֹי.

וֶוען דִי בַּארָאנֶעסֶע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין מִיט דֶעם נַייעֶם גַאסְט, וָואס הָאט אִיהר אוֹיך מִיט גְרוֹיס רֶעסְפֶּעקְט אַ קוּשׁ גֶעטְהוּן אִין הַאנְד, הָאט זִי אִיהם לַאנְג אָנְגֶעקוּקְט אָהן ווֶערְטֶער אוּנ אִיהרֶע בְּלוֹיֶע, שֶׁאנֶע אוֹיגֶען זֶענֶען גֶעוָוארֶען פוּל טְרֶערֶען. נָאכְדֶעם הָאט זִי זֶעהר שְׁטִילְל אַרוֹיסְגֶערֶעדְט:

— ווִי צוּפְרִיעדֶען בִּין אִיך, מַיין זְשֶׁערַאר, וָואס עֶנְדְלִיך בִּין אִיך מִיט אַייך אַלֵיין. שׁוֹין מֶעהר פוּן אַ מָאנַאט הָאט אִיהר מִיר נִיט גֶעשַׁאפְט דֶעם פֶּערְגְנִיגֶען.

דִי גֶעשִׁיכְטֶע, ווִי אַזוֹי דֶער בַּארָאן אַנְרִי דִיווִילְיַאר הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט דֶער יוּנְגְסְטֶער טָאכְטֶער פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען בֶּערִיהמְטֶען בַּאנְקִיר שְׁטֶערְנְבֶּערְגֶער, הָאט גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיס גֶערוּדֶער אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אַ שֵׁם־דָבָר. ווִי דִי רָאטְשִׁילְדְס אַזוֹי זַיינֶען אוֹיך דִי שְׁטֶערְנְבֶּערְגֶערס אִין אַנְפַאנְגְס פוּן זֵייעֶר קַארְיֶערֶע גֶעוֶוען עֶטְלִיכֶע בְּרִידֶער, אֵיינֶער יוֹסְטוּס אִין פַּארִיז אוּנ נָאך דְרַיי אִין בֶּערְלִין, לָאנְדָאן אוּנ ווִיעְן. צְווִישֶׁען דִי פִיער בְּרִידֶער אִיז גֶעוֶוען אַ שְׁטִילֶע פֶערְבִּינְדוּנְג, אַחְדוּת, אוּנ דַאדוּרְך הָאבֶּען זֵיי גֶעהֶערְשְׁט מִיט גְרוֹיס תְּקִיפוּת אִין דֶער פִינַאנְסֶען־וֶועלְט. רָאך אִיז יוֹסְטוּס גֶעוֶוען וֶוענִיגֶער רַייך פוּן דִי אִיבְּרִיגֶע בְּרִידֶער אוּנ גֶעהַאט אַ גֶעפֶאהרלִיכֶען קָאנְקוּרֶענְט — דֶעם בַּארָאן גְרֶעגוּאַר, מִיט וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶעמוּזְט רַאנְגְלֶען זִיך פַאר יֶעדֶער גְרֶאסֶער פַארְדִינְסְט. אֵיינְמָאל, נָאך אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע מִלְחָמָה פַאר אַ גְרוֹיס פַארְדִינְסְט, אִיז אִין יוּסְטוּס קָאפּ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אַ טִיעפֶער גֶעדַאנְקֶען: חֲתוּנָה מַאכֶען זַיין יוּנְגְסְטֶע טָאכְטֶער חַוָה מִיט אַנְרִי, דֶעם בַּארָאנְס זוּהְן. אַנְרִי הָאט גֶעהַאט אַ נָאמֶען פַאר זֶעהר אַ לִיעבֶּען יוּנְגֶען־מַאנְן, אַ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְטֶען רַייטֶער, אַ אַיינְגֶעהֶער אִין קְלוּבּ, אַ קָארְטֶענְשְׁפִּילֶער. יוּסְטוּסֶעס חֶשְׁבּוֹן אִיז גֶעוֶוען, אַז נָאך דֶעם אַלְטֶען בַּארָאנְס טוֹידְט זָאל עֶר קֶענֶען אִיבֶּערְנֶעהמֶען אִין זַיינֶע הֶאנְד דֶעם בַּארָאנְס בַּאנְק, אוֹיבּ דֶער אֵיידֶעם וֶועט זִיך נוּר לָאזֶען. פוּנְקְט הָאט זִיך אַנְרִי דַזוּמָאלְס

פֶערְלִיעבְּט בִּיז אִיבֶּער דִי אוֹיעֶרֶען אִין דֶער בְּלָאנְדֶער שֶׁאנֶער חַיָה, וָואס הָאט אַלֶלעמֶען אִיבֶּערְרַאשְׁט מִיט אִיהר שֶׁאנְקַייט. עֶר הָאט זִיךְ אַיינְגֶעשְׁפַּארְט אַז עֶר מוּז זִי קְרִיגֶען, אוּנ דֶער פָאטֶער, וָואס הָאט גוּט גֶעקֶענְנְט זַיין זוּהְן, הָאט אַיינְגֶעוִוילְלִיגְט אוּנ אִין הַארְצֶען גֶעלַאכְט פוּן יוּסְטוּסְ'ן, וָואס אִיז מַאוּס אַרַיינְגֶעפַאלְלֶען. בַּאלְד הָאט זִיךְ טַאקִי אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען, אַז יוּסְטוּס הָאט גֶעמַאכְט מִיטְ'ן שִׁדוּךְ זֶעהר אַ שְׁלֶעכְט גֶעשֶׁאפְט. נָאךְ דֶעם אַלְטֶען בַּארָאנְס טוֹידְט, וֶוען אַ נְרִי הָאט אִיבֶּערְגֶענוּמֶען זַיין הוֹיז, אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען דֶער וָואלף, עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָוארְפֶען וִוי אַ חַיָה רָעָה אוֹיף אַלֶלֶע גְרֶעסְטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, גֶערִיסְסֶען אַלֶלֶע קָאנְקוּרֶענְטֶען, אוּנ זִיךְ צוּגֶענוּמֶען דֶעם גְרֶעסְטֶען חֵלֶק פַארְדִיעְנְסְט. עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע בַּאנְקִירֶען. אַלֶלֶע הָאבֶּען פַאר אִיהְם גֶעצִיטְטֶערְט, אוּנ נִיט נָאר חַוָה הָאט אִיהְם נִיט אַיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען, אָבֶּער אִים גֶעגֶענְטְהַייל, עֶר הָאט פוּן אִיהר אַ תֵּל גֶעמַאכְט אִין פֶערְלוֹיף פוּן נִיט קֵיין גַאנְצֶע פִיער יָאהר.

נָאכְדֶעם אַז זִי הָאט אִיהם גֶעבּוֹירֶען אֵיינְס נָאךְ דָאס אַנְדֶערֶע צְוַויי קִינְדֶער, אַ יוּנְגֶעל מִיט אַ מֶאדֶעל, הָאט עֶר זִי אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען, נָאךְ בְּשַׁעַת אִיהר צְוַוייטֶע שְׁוַואנְגֶערְשַׁאפְט, וִוי מֶען וַוארְפְט אַוֶועק אַ אוֹיסְגֶעדְרִיקְטֶע לִימָאנֶע.

אַנְפַאנְגְס, וֶוען זִי הָאט זִיךְ דֶערְווּאוּסְט, אַז דֶער מַאנְן הָאט אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ זַיין פָארִיגֶען, קַאוַואלֶערְסְקֶען שְׁטַייגֶער לֶעבֶּען אוּנ לִיעבְּט אַנְדֶערֶע פְרוֹיעֶן, אִיז זִי גֶעוֶוען שְׁטַארְק פֶערְצְוַוייפֶעלְט אוּנ גֶעהַאט כּוּן דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶע יְסוּרִים. נָאכְדֶעם אָבֶּער הָאט זִי זִיךְ בֶּערוּהִיגְט, דֶער כַּעַס אִיז אַרִיבֶּער; זִי הָאט שׁוֹין נִיט גֶעוָואלְט אֲפִילוּ פְּרוּבִען אִיהְם אוּמְקֶעהְרֶען צוּ זִיךְ, אוּנ הָאט גֶענוּמֶען אַ לוּבָּאוְנִיק. זִי הָאט נִיט גֶעקָאנְט לֶעבֶּען אָהן לִיעבֶּע; זִי אִיז וִוי בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען נָאר צוּ זַיין שֶׁאן, גֶעפֶאלְלֶען יֶעדֶען אוּנ גַאנְצֶע טֶאג זָאלְלֶען לִיעבְּהָאבֶּערְס זִי חַנְפֶה'נֶען, קוּשֶׁען אוּנ הַאלְדְזֶען. דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען וָואס זִי הָאט אוֹיסְגֶעקְלִיעבֶּען צוּ פִינְף-אוּנ-צְוַואנְצִיג יָאהר, אִיז זִי גֶעוֶוען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גַאנְצֶע פוּנְפְצֶעהְן יָאהר אוּנ גֶעוֶוען גֶעטְרַייא וִוי עֶר וָואלְט זַיין אִיהר עֶהְרְלִיכֶער מַאנְן. אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט זִי שְׁטַארְק גֶעטְרוֹיעֶרְט, גְלַייךְ זִי אִיז גֶעוָוארֶען אַ אֶמֶתֶע אַלְמָנָה. אַ הַאלְבּ יָאהר שְׁפֶּעטֶער אִיז זִי בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם גְרַאף זְשֶׁערַאר דֶע-קֶענְסַאק אוּנ זִיךְ אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען.

— מַיין לִיעבֶּער זְשֶׁערַאר — הָאט זִי וַוייטֶער גֶערֶעדֶעט מִיט צֶארְטְלִיכְקֵייט פוּן אַ מוּטְטֶער, וֶוען זִי הָאט בֶּעמֶערְקְט וִוי דֶער יוּנְגֶער מַאנְן שְׁטֶעהט צוּמִישְׁט — וָואס אִיז מִיט אַייךְ? זַייט אִיהר קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען, אָדֶער אִיהר בֶּעהַאלְט פַאר מִיר עֶפֶּעס אַ עַגְמַת-נֶפֶשׁ?

זִי אִיז מִיט צֶעהְן יָאהר עֶלְטֶער גֶעוֶוען פוּן אִיהְם, אוּנ דָךְ צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּם שֶׁאנֶעם גְרַאף מִיט אִיהר גַאנְץ לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען.

— נַיין, אִיךְ זָאג אַייךְ הֵיילִיג אַז אִיךְ בֶּעהַאלְט פַאר אַייךְ קֵיין זַאךְ נִיט — הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט — דִי לֶעצְטֶע טֶאג הָאט מִיךְ דִי מוּטְטֶער פֶערְהַאלְטֶען.

זִי הָאט קֵיין אוֹיג נִיט אַרָאבְּגֶענוּמֶען פוּן אִיהְם, אוּנ מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער עֶנְט-

צִיקוּנְג גֶעקוּקְט אוּנ אֶנְגֶעקְוָואלְלֶען פוּן זַיין שֶׁאנְקַייט אוּנ פַייְנְקַייט. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ בְּרוּנֶעט, מִיט זֶעהר אַ רֶעגֶעלְמֶעסִיגֶען גֶעזִיכְט, דוּנְקֶעלֶע הָאר אוּנ מַייסְטֶערְהַאפְט פְרִיזִירְטֶע וָואנְסֶען. עֶר הָאט גֶעשְׁטַאמְט פוּן אַ גַאנְץ אַלְטֶע פַאמִילְיֶע אִין פְרַאנְקְרַייךְ. דֶער פָאטֶער הָאט גֶעמַאכְט פוּילֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ פַארְלוּירֶען דָאס גְרוֹיסֶע פַארְמֶעגֶען, אוּנ נָאךְ דֶעם פָאטֶערְס טוֹידְט הָאט עֶר גֶעוָואהְנְט מִיט דֶער מוּטְטֶער, דִי אַלְמָנָה, אִין אַקְלֵיין וָואהנוּנְג אוֹיף דֶער סַאנְדָאמִינִיק גַאס אוּנ גֶעוֶוען בַּעֲלֵי־הוֹצָאוֹת דוּרְכ׳ן יָאהר נִיט מֶעהר וִוי פוּנְפְצֶעהן טוֹיזֶענְד פְרַאנְק. עֶר הָאט זִיךְ קֵיינְמָאל מִיט קֵיין זַאךְ נִיט בֶּעשֶׁעפְטִיגְט, נוּר אֵיין יָאהר הָאט עֶר גֶעדִיעֶנְט אִין מִילִיטֶער, וַוייל עֶר הָאט גֶעמִיזְט דִיעֶנֶען, נָאכְדֶעם הָאט עֶר זִיךְ אָפְּגֶעזָאגְט פוּן סְלוּזְבֶּע, אוּנ אוֹיךְ נִיט גֶעוָואלְט זַיין קֵיין דִיפְּלָאמַאט, דֶער אֵיינְצִיגֶער פַאךְ וָואס הָאט גֶעפַּאסְט פַאר זַיין יִחוּס. גַאנְצֶע טֶאג אִיז עֶר גֶעוֶוען פַארְנוּמֶען מִיט לֶעדִיג־גֶעהן, וִוי אַלֶלֶע „גָאלְדֶענֶע״ יוּנְגֶע לַייט אִין פַּארִיז. דִי מוּטְטֶער הָאט אִיהם נָאךְ פָאטַאקֶעוֶועט, וָואס עֶר גֶעהט אַרוּם לֶעדִיג; לוֹיט אִיהר מֵיינוּנְג דַארְף אַ זָאלְכֶער, וָואס שְׁטַאמְט פוּן גְרוֹיסֶען יִחוּס, פוּן דֶער גָאלְדֶענֶער פָאן, זִיךְ הַאלְטֶען וַוייט פוּן דֶער רֶעפּוּבְּלִיק... אוֹיסֶער דֶעם הָאט זִי גֶעהַאט נָאךְ אַנְדֶערֶע אוּרְזַאכֶען, אַוֶועקְקוּקֶען וָואס דֶער זוּהְן טְהוּט קֵיין אַרְבֵּייט נִיט: דִי הֵייסֶע מוּטְטֶער הָאט זִיךְ גֶעשְׁרָאקֶען, אִיהר בֶּן־יָחִיד זָאל נִיט קְרַאנְק וֶוערֶען. צוּ זִיעֶבֶּען יָאהר אִיז עֶר שִׁיעֶר נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן אַ גֶעהִירְן־אָנְצִינְדוּנְג. צוּ אַכְצֶעהן יָאהר הָאט עֶר גֶעהַאט אַ הַארְץ־פֶעהלֶער אוּנ דִי דָאקְטוֹירִים הָאבֶּען גֶעראַטֶען, עֶר זָאל זִיךְ שְׁטַארְק אָבְּהִיטֶען. דִי מוּטְטֶער הָאט אַלְזָא גֶעוואוּסְט, אַז אִיהר זוּהְן אִיז וִוי אַ שָׁאן, הוֹיךְ הוֹיז נָאר אָהן אַ פוּנְדַאמֶענְט; דֶער שֶׁאנֶער, הוֹיכֶער, סְטַאטְנֶער יוּנְגֶער מַאנְן קֶען פוּן אַ לַיאדֶע קְלֵיינִיגְקַייט קְרַאנְק וֶוערֶען. דָאס אוֹיסְזֶעהן אִיז פוּן אַ גֶעזוּנְטֶען מַאנְסְפֶּערְזָאן, אוּנ אִין אֶמֶת אִיז עֶר שְׁוַואךְ, אוּנְבֶּעהָאלְפֶען, מִיט אַ גוּטֶען אָבֶּער שְׁוַואכֶען חַארַאקְטֶער. אֵיינְמָאל אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען מִיט דֶער מוּטְטֶער בֶּעזוּכֶען דֶעם פְרִיוּט פַאר אַלְטֶע בַּעֲלֵי־מְלָאכוֹת אוּנ אִיז דָארְט בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט חַוָה׳ן. פוּן דֶער בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט אִיז בַּאלְד גֶעוָוארֶען אַ לִיעבֶּע. דִי בַּארָאנֶעסֶע הָאט אִיהם פֶּעסְט גֶענוּמֶען, זִיךְ אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, עֶר פְלֶעגְט זִי זֶעהְר אָפְט בֶּעזוּכֶען, אוּנ הָאט נִיט גֶעוָואלְט אוּנ נִיט גֶעקֶאנְט זִיךְ אָפְּרַייסֶען פוּן אִיהר. דִי מוּטְטֶער הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט נִיט ווִיסֶענְדִיג, אִיהם נִיט גֶעשְׁטֶערְט אִין דֶעם, אַזוֹי וִוי זִי פְלֶעגְט אִיהם אִין אַלֶלֶע אַנְדֶערֶע נַארִישְׁקַייטֶען נָאכְגֶעבֶּען, וִוי מֶען גִיט נָאךְ אַ קְרַאנְק קִינְד. אוֹיסֶער דֶעם הָאט חַוָה גֶעטְהוּן אַ זַאךְ, וָואס הָאט בַּיי דֶער פְרוּמֶער מוּטְטֶער שְׁטַארְק אוֹיסְגֶענוּמֶען אוּנ גֶעמַאכְט אַ רוֹשֶׁם אִין גַאנְץ פַּארִיז: מִיט אֵיין מָאל הָאט מֶען זִיךְ דֶערְווּאוּסְט, אַז דֶער בִּישָׁאף מַארְטַא הָאט חַוָה׳ן אִיבֶּערְגֶערֶעדְט זִי זָאל וֶוערֶען אַ קַאטָאלִיקִין. דָאס וָואס זִי הָאט נִיט גֶעטְהוּן צוּלִיעב דֶעם מַאנְן, הָאט זִי גֶעטְהוּן צוּלִיעב דֶעם לוּבָּאוּונִיק, עֶר זָאל זַיין צוּ אִיהר שְׁטֶענְדִיג צוּגֶעבּוּנְדֶען. גַאנְץ פַּארִיז הָאט נָאךְ בִּיז הַיינְט נִיט גֶעקָאנְט פַארְגֶעסֶען דֶעם גְרוֹיסֶען פַארַאד וָואס דַאמָאלְס אִיז גֶעוֶוען, וֶוען דִי פִינְף־אוּנ־פֶערְצִיג יֶאהרִיגֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער הָאט זִנִי־

גֶענוּמֶען דֶעם נַייֶען גְלוֹיבֶּען.

זְשֶׁעראַר אִיז בַּיי זִיךְ זֶעהר שְׁטָאלְץ גֶעוֶוען, וָואס דִי בַּאָראָנֶעסְסֶע אִיז אִיהם אַזוֹי אִיבֶּערְגֶעבֶּען, דָאךְ הָאט זִי אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען צוּ לַאסְט אוּנ עֶר הָאט גֶעזוּכְט מִיטְטְלֶען, זִיךְ אָפְּצוּרַייסֶען פוּן אִיהר, אוֹיפְהֶערֶען זִי צוּ בֶּעזוּכֶען. אוֹיךְ יֶעצְט הָאט עֶר זֶעהר גוּט פַארְשְׁטַאנְדֶען וָואס זִי פֶערְלַאנְגְט פוּן אִיהְם.

— אִיךְ פֶערְדִיכֶער אַייךְ — הָאט עֶר וַוייטֶער גֶעזָאגְט, שׁוֹין וַוייכֶער וֶוערֶענְדִיג — מַיין מוּטֶער הָאט מִיךְ אוֹיף אַ אַיינְצִיגֶען טָאג נִיט אָפְּגֶעלָאזְט. עֶס פֶערְשְׁטֶעהט זִיךְ, אִיךְ וָואלְט זֶעהר גְלִיקְלִיךְ גֶעוֶוען..

זִי הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט בֶּעטֶען זִיךְ בַּיי אִיהם אָהן וֶוערְטֶער, נָאר מִיט דִי אוֹיגֶען, אוּנ אוֹיף דִי בְּרֶעמֶען זַיינֶען גֶעהַאנְגֶען אַ פָּאר טְרֶערֶען. שׁוֹין מֶעהר פוּן אַ מָאנַאט זַיינֶען זֵיי נִיט צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶעם קְלֵיין צִימֶער׳ל, טִיעף אִין הוֹיף, אוֹיף דֶער מַאטִינְיָאן גַאס. אִיהם הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען פַארְדְרָאסֶען, פַאר וָואס הָאט מֶען זִיי יֶעצְט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַלֵיין, נָאר זַיין גוּטֶע אוּנ וַוייכֶע נַאטוּר הָאט זִיךְ בַּאלְד אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען, עֶר הָאט קֵיין קְרֶעפְטֶען גֶעהַאט אוֹיסְהַאלְטֶען אוּנ גֶעזָאגְט:

— נוּ גוּט, הַיינְט פַאר מִיטָאג, אוֹיב אִיהר פֶערְלַאנְגְט, אוּם פִיער אַ זֵייגֶער, וִוי גֶעוֶוענְלִיךְ. — דִי לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶערֶעדְט זֶעהר שְׁטִילל, וַוייל פוּן הִינְטֶען הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אַ לַייכְטֶער גֶערוּישׁ. עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט אוּנ אַ צִיטְטֶער גֶעטְהוּן, גְלַייךְ וִוי מֶען וָואלְט אִיהם גֶעכַאפְּט בַּיי אַ נְ׳עֲבֵרָה. עֶס אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען קַאמִילְלַא, דֶער בַּארָאנֶעסְסֶעס טָאכְטֶער. זִי הָאט קֵיין וָוארְט נִיט גֶעהֶערְט פוּן זֵייעֶר גֶעשְׁפְּרֶעךְ, נָאר אָן דֶעם שְׁמֵייכֶעל פוּן דִי צְוֵויי פֶערְלִיעבְּטֶע הָאט זִי זִיךְ בַּאלְד אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען, אַז מֶען הָאט שׁוֹין וַוייטֶער אָפְּגֶערֶעדְט, צוּזַאמֶען קוּמֶען דָארְט אִין יֶענֶעם שְׁטִיל גֶאסִיל, אוּנ נָאךְ הַיינְט זָאל דָאס גֶעשֶׁעהְן. אַלֶע דְרַיי זַיינֶען צוּמִישְׁט גֶעוָוארֶען אוּנ גֶעקוּקְט אוּנְרוּהִיג אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען.

קַאמִילְלַא, וָואס אִיז שׁוֹין אַלְט גֶעוֶוען דְרַיי אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר, אִיז גֶעוֶוען אַ נִיעדְרִיגֶע בְּלָאנְדִינְקֶע מִיט אַ אוֹיסְגֶעקְרִימְטֶע טַאלְיֶע אוּנ אֵיין אַקְסֶעל עֶטְוָואס הֶעכֶער פוּן צְוֵויטֶען. זִי אִיז נִיט אֶעהְנְלִיךְ גֶעוֶוען מִיט דֶער מִינְדֶסְטֶער זַאךְ, נִיט צוּם פָאטֶער אוּנ נִיט צוּ דֶער מוּטֶער. דָאס אֵיינְצִיגֶע, מִיט וֶועלְכֶען זִי הָאט גֶעקֶאנְט שְׁטָאלְצִירֶען, זַיינֶען גֶעוֶוען אִיהרֶע שְׁוַוארְצֶע שֶׁענֶע אוֹיגֶען אוּנ דִי לַאנְגֶע הָאר, מִיט וֶועלְכֶע זִי וָואלְט זִיךְ גֶעקָאנְט אַרוּמְוִויקְלֶען פוּן קָאפּ בִּיז דִי פִּיס. דֶערְפַאר הָאט זִי גֶעהַאט אַ לַאנְגֶע נָאז, דֶער פָּנִים אַ בִּיסְסֶעל אוֹיסְגֶעקְרִימְט אִין דֶער רֶעכְטֶער זַייט, דִי מָארְדֶע פַארְשְׁפִּיצְט. אִין דִי דִיעגֶע, בָּאזֶע לִיפְּפֶעלִיךְ אִיז גֶעלֶעגֶען אִיהר גַאנְצֶער פֶערְדְרָאס, אִיהר כַּעַס, פַארְוָואס זִי אִיז אַזוֹי הֶעסְלִיךְ. אָבֶער נָאךְ מֶעהר וִוי אוֹיף דֶער אֵיינֶער מְאוּסְקַייט אִיז זִי אִין כַּעַס גֶעוֶוען אוֹיף דֶער שֶׁאנֶער מוּטְטֶער. דִיא שְׁטֶאנְדִיג פֶארְלִיעבְּטֶע פְרוֹי, וָואס אִיז גָאר נִיט אֶעהְנְלִיךְ צוּ אַ מוּטְטֶער, הָאט קֵיינְמָאל נִיט אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען דִי מִינְדֶסְטֶע לִיעבְּשַׁאפְט אוּנ גֶעטְרַיישַׁאפְט צוּ דֶער טָאכְטֶער, אוּנ נָאךְ וֶוען זִי אִיז גֶעלֶעגֶען אִין וִויעגֶעלֶע הָאט זִי דִי בַּארָאנֶעסְסֶע אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דִי דִיעַנְסְטֶען

אִין הַאנְד. צְווִישֶׁען דִי צְוַויי פְרוֹיֶען אִיז מִיט דֶער צַייט גֶעוָוארֶען אַ וַואהְרֶע פַיינְדְשַׁאפְט: בַּיי אֵיינֶעֶר אִיז דִי פַיינְדְשַׁאפְט גֶעוֶוען קַאלְט, אָהן וֶוארְטֶער, אוּנ בַּיי דֶער צְוַוייטֶער — קָאכֶענְדִיג אוּנ רַייסֶענְדִיג. דִי טָאכְטֶער הָאט פַיינְד גֶעהַאט דִי מוּטְטֶער, פַאר וָואס זִי אִיז שֶׁאן אוּנ פַאר וָואס זִי הָאט זִי נִיט גֶעבּוֹירֶען אֶהנְלִיךְ צוּ זִיךְ. דָאס הוֹיפְּט הָאט קַאמִילְלַא גֶעהַאט קְרֶאנְקוּנְג, וָואס אוֹיף אִיהר וִויל קֵיינֶער נִיט אַ בְּלִיק טְהוּן, וֶועהרֶענְד דִי מוּטְטֶער הָאט שְׁטֶאנְדִיג אַרוּם זִיךְ לִיעבְּהָאבֶּערְס. אִין גֶעזֶעלְלִשַׁאפְטֶען הָאט מֶען אֲפִילוּ גֶערן גֶעהֶערְט אִיהרֶע רֵייד, וַוייל זִי אִיז גֶעוֶוען בֶּאז אוּנ שַׁארְפְזִינְנִיג, מֶען הָאט גֶעלַאכְט פוּן אִיהרֶע קְלוּגֶע בֶּעמֶערְקוּנְגֶען וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁטָאכֶען אוּנ גֶעבִּיסְסֶען, אוּנ דָאךְ הָאבֶּען אַלְלֶע מַאנְסְפֶּערְזָאנֶען, בֶּעזָאנְדֶערְס דִי יוּנְגֶע לַייט, גֶעקוּקְט נָאר אוֹיף דֶער מוּטְטֶער, וָואס הָאט גֶעשְׁטְרַאהְלְט מִיט אִיהר שֶׁאנְקַייט אוּנ בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גֶעוָואלְט אַלְט וֶוערֶען. קַאמִילְלַא הָאט זִיךְ דֶערְפַאר גֶעגֶעבֶּען דָאס וָוארְט, זִי מוּז בַּיי דֶער מוּטְטֶער אָפְּנֶעהמֶען דֶעם לֶעצְטֶען גֶעלִיעבְּטֶען, חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט זְשֶׁעראר'ן. זִי הָאט גֶעוואוּסְט, אַז דָאס וֶועט זַיין אַ טוֹידְט-קְלַאפּ דֶער מוּטְטֶער. אִיהר הָאט נִיט גֶעפֶעהְלְט קֵיין חֲתָנִים; זֶעהר פִיעל יוּנְגֶע לַייט הָאבֶּען זִיךְ גֶעשַׁדְכֶנְט צוּ אִיהר; זִי הָאט אָבֶּער גֶעוואוּסְט אַז נִיט זִי נוּר אִיהר גֶעלְט, דִי פִינְף מִילְיָאן נַדָן, מֵיינְט מֶען אוּנ פְלֶעגְט זֶעהר אָפְט זָאגֶען מִיט אִיהר בֶּאזֶען גֶעלֶאכְטֶער: „ס'פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ; צוּלִיעבּ דִי פִינְף מִילְיָאן וָואלְטֶען זַיי גֶענוּמֶען אַ שְׁטֶעקֶען פַאר אַ כַּלָּה!“. דֶערְוַוייל הָאט זִי זִיךְ טַאקִי פַארְלִיעבְּט אִין זְשֶׁעראר'ן, וָואס דוּרְךְ זַיין גוּט הַארְץ אִיז עֶר שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶוען זֶעהר הֶאפְלִיךְ צוּ אִיהר. אִיהם אִיז גֶעוֶוען אַ רַחֲמָנוּת צוּזֶעהן, וִוי זִי אִיז פַארְלָאזֶען, אַלְלֶע וַוארְפֶען זִי אַוֶועק, אוּנ בִּיסְלִיכְוַוייז הָאט עֶר זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען; אִיהם אִיז גֶעפֶעלְלֶען גֶעוָוארֶען וָואס זִי לִיעבְּט אִיהם אַזוֹי שְׁטַארְק אוּנ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וִוי אַ גֶעטְרַייֶע דִיענְסְט. פוּן אִיהר מוּטְטֶער, וָואס אִיז אִיהם שׁוֹין גֶעוָוארֶען צוּ לַאסְט, הָאט עֶר גֶעוָואלְט זִיךְ אָפְּרַייסֶען אוּנ בַּיי אִיהם אִיז שׁוֹין רֶעכְט גֶעוָוארֶען דֶער גֶעדַאנְקֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט דֶער טָאכְטֶער, אָבְּוָואהל עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט אַז דֶער שִׁדּוּךְ אִיז נִיט אִין גַאנְצֶען פַּאסְסִיג פַאר זַיין יִחוּס אוּנ דִי בַּארָאנֶעסֶע וֶועט גֶעוִויסס אִיהם פַארְקְלָאגֶען אוּנ פַארְיָאממֶערן דָאס לֶעבֶּען. . .

דָאס שְׁוַוייגֶען הָאט וַוייטֶער גֶעדוֹיעֶרְט. מִיט אִיהר בֶּאזֶען, שְׁטֶעכֶעדִיגֶען בְּלִיק הָאט קַאמִילְלַא גֶעגֶעבֶּען צוּ פַארְשְׁטֶעהן דֶער מוּטְטֶער, אַז זִי וֵויים אַלְלֶעס; נָאכְדֶעם הָאט זִי אוּמֶעדִיג גֶעקוּקְט אוֹיף זְשֶׁעראר אוּנ שְׁטִוּם זִיךְ בֶּעקְלָאגְט. . . עֶר הָאט גֶעוָואלְט יוֹצֵא זַיין פַאר בֵּיידֶע פְרוֹיֶען אוּנ דֶער עֶרְשְׁטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען:

— גוּטֶען מָארְגֶען, קַאמִילְלַא. . . וָואס פַאר אַ גְרָאססַארְטִיגֶע שָׁאקָאלַאדְנֶע קְלֵייד טְרָאגְט אִיהר הַיינְט! וואוּנְדֶערְלִיךְ וִוי אַייךְ פַּאסְט דוּנְקֶעלֶע פַארְבֶּען.

קַאמִילְלַא הָאט פוּן דֶער זַייט אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף דֶער מוּטְטֶערְס וַויים קְלֵייד, נָאכְדֶעם אוֹיף אִיהר אֵייגֶענֶע דוּנְקֶעלֶע קְלֵייד וָואס הָאט פַארְשְׁטֶעלְלְט דֶעם גַאנְצֶען הַאלְז מִיט דִי אָרֶעם.

— יָא — הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ גֶעלֶאכְטֶער — אִיךְ בִּין נָאךְ צוּ דֶערְלַיידֶען

ווען איך טהו מיך אָן ווי אַ נ׳אַלטע באָבע.

חוה, וואָס האָט שוין אָנגעהויבען בערואונרוהיגען זיך און חושד זיין די טאָכטער, אַז זי ווערט איהר קאָנקורענטקע, האָט איבערגעביטען דעם געשפּרעך.

— און וואָס איז מיט דיין ברודער? ער איז ניטאָ אין דער היים?

— ווי דען, מיר זיינען ביידע אַרונטערגעגאַנגען.

אין דער מינוט איז אַריין הִיאַצינְט און ווי מיעד דערלאַנגט זשעראַר׳ן די האַנד. ער איז אַלט געווען צוואַנציג יאָהר; פון דער מוטטער האָט ער גע־ירשנת די העללע, בלאָנדע האָר און דאָס לאַנגליכע געזיכט; פון דעם פאָטער האָט ער גע־ירשנת די גרויסע אויגען מיט די גראָבע, רויבערישע ליפּפּען. אין שולע האָט היאַצינט זעהר שלעכט געלערנט און איבערהויפּט געווען פויל, קיין זאַך ניט געוואָלט טהון, אַלע פּראָפעסיעס זיינען איהם געווען דערווידער. דער פאָטער האָט איהם צופּעסטעט, צולאָזט. ער האָט זיך נאָר אינטערעסירט מיט טעאַטער, מוזיק, געחבר׳ט מיט אַרטיסטען, פערדאָרבענע פּראָווענציממער, משוגעים און באַנדיטען. ער פלעגט זיך בריהמען מיט זיין שאַרלאַטאַנעריי, אויסגעלאַססענקייט, געמאַכט דעם אָנשטעלל ווי ער וואָללט פיינד געהאַט אַללע פרויען, אַרויסגעוויזען משוגע׳נע געדאַנקען — היינט איז ער געווען אַ פּעססימיסט (מענשען פיינד), מאָרגען אַ אַנאַרחיסט: אין אמת׳ן אָבער איז דאָס געווען אַ פּוסטיאַק, אַ ליידיגע כלי און אַ שטיק נאַרר. די הייסע, געזונטע בלוט פון דער פאַמיליע דיוויליאַר, וואָס האָט דריי דורות נאָכאַנאַנד אַרויסגעגעבען דריי וואונדערליכע רויבער מיט זעלטענע פעהיגקייטען, איז ווי מיט אַ מאָל געבליבען אָהן כּחות און האָט דעם פערטען דור בעשאַפען אַזאַ טויגעניכ׳ץ, וואָס איז אפילו ניט פעהיג צו טהון אַ גרויסע עבירה.

די קלוגע קאַמיללאַ האָט גוט געקענט דעם ברודער וואָס פאַר אַ גאָר־נישט דאָס איז, און פלעגט פון איהם שטענדיג אָבשפּאָטען. יעצט, דערזעהענדיג זיין לאַנגען, מאָדנעם ראָק, האָט זי מיט שפּאָט געזאָגט:

— די מאַמאַ רופט דיך, היאַצינט... קום נאָר, וייז דיין ספּאָדניצע... אָט וואָלט דאָס געווען אַ שאָן מיידעל!

דער ברודער איז אַוועק אָן אַ זייט און אפילו קיין וואָרט ניט געענטפערט. ער האָט מורא געהאַט פאַר דער עלטערער שוועסטער, אַבוואָהל זיי פלעגען גוט לעבען, ניט געהאַט קיין סודות און איינער דעם אַנדער׳ן שטענדיג אויסגעזאָגט זייערע פערבאָרגענע געדאַנקען. מיט אַבשיי האָט ער אַ בליק געטהון אויף דער וואונדערשאָנער קאָרב מיט „אָרחידען״ בלומען, וואָס זיינען שוין אַרויס פון דער מאָדע. ער האָט נור געהאַלטען פון „ראַנונקול״ וואָס איז אַ אַריסטאָקראַטישע בלום...

די צוויי לעצטע געסט, אויף וועלכע מען האָט נאָך געוואַרט, זיינען כּמעט צוזאַממען געקוממען. דער ערשטער איז אַריין דער „סליעדאָוואַטעל״ אַ מַאדְיָא, אַ הויז־פריינד, אַ קליין מענשעלע פון אַ יאָהר פינף־און־פערציג וואָס האָט קונה שם געווען דורך דעם אַנאַרהיסטישען פּראָצעס. דאָס געזיכט איז ביי איהם געווען פון

אַ גַאנְץ גֶעוֶואהְנְלִיכֶען טְשִׁינָאווְנִיק'ל, נָאר עֶר הָאט זִיךְ בֶּעמִיהְט מַאכֶען אַ גְרוֹיס אָנְשְׁטֶעלל, פַארְלָאזְט אַ פָּאר גְרָאבֶּע וָואנְסֶעס אוּנ גֶעטְרָאגֶען אַ מָאנָאקֶעל, דוּרְךְ וֶועלְכֶע דִי אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעקוּקְט בִּיסְטְרֶע אוּנ גֶעשִׁיטְט פוּנְקֶען. דָאס אִיז גֶעוֶוע׳ זֶעהר אַ וֶועלְטְלִיכֶער מֶענְשׁ, פוּן דִי נַייֶע יוּרִיסְטֶען, אַ גוּטֶער פְּסִיחָאלָאג אוּנ הָאט אִין דֶעם פַאךְ גֶעשְׁרִיעבֶּען אַ גַאנְץ סֵפֶר. עֶר הָאט זֶעהר לִיעב גֶעהַאט כָּבוֹד אוּנ גֶעזוּכְט נִיר גְרוֹיסֶע פְּרָאצֶעסֶען, וָואס דוּרְךְ זֵיי זָאל עֶר וֶוערֶען בֶּערִיהְמְט. — דֶער צְוַויטֶער אוּנ לֶעצְטֶער גַאסְט אִיז גֶעוֶוען גֶענֶערַאל בָּאזָאנֶע, זְשֶׁערַארְס אַ פֶּעטֶער פוּן דֶער מוּטֶערְס צַד, אַ אַלְטֶער מַאנְן, הוֹיךְ אוּנ מָאגֶער, דִי נָאז וִוי אַ שְׁנָאבֶּעל. עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג הָאט עֶר גֶעמוּזְט דוּרְךְ זַיין רֵיימַאטִיזְם אַרוֹיסְטְרֶעטֶען פוּן סְלוּזְבֶּע. פַאר זַיין בְּרָיהְשַׁקַייט אִין דֶער לֶעצְטֶער מִלְחָמָה צְווִישֶׁען פְרַאנְקְרַייךְ אוּנ דַייטְשְׁלַאנְד הָאט עֶר גֶעקְרִיגֶען דֶעם טִיטֶעל „גֶענֶערַאל״. עֶר אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען גֶעטְרַיי נַאפָּאלֶעאָן דֶעם דְרִיטְטֶען אוּנ הָאט שְׁרֶעקְלִיךְ פַיינְד גֶעהַאט דִי רֶעפּוּבְּלִיק, וָואס לוֹיט זַיין מֵיינוּנְג, הָאט זִי גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן דֶער פְרַאנְצֶאזִישֶׁער אַרְמֶעֶ. דִי שְׁוֶועסְטֶער, מַאדַאם דֶע־קֶענְסַאק, הָאט עֶר פֶּערְגֶעטְטֶערְט אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אַ אַיינְגֶעהֶער בַּיי דֶער בַּארָאנֶעסֶע נוּר צוּלִיעב דֶעם, אַז עֶס זָאל נִיט זַיין אַזוֹי אוֹיפְפַאלֶענְד וָואס זְשֶׁערַאר אִיז שְׁטֶאנְדִיג בַּיי אִיהר.

דֶער בַּארָאן מִיט דוּטִיל זַיינֶען צוּזַאמְמֶען אַרוֹיס פוּן קַאבִּינֶעט מִיט אַ גְרוֹיס גֶעלֶאכְטֶער, וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ אַרוֹיסְוַויזֶען, אַז זֵיי זַיינֶען פָאלְקָאמְמֶען רוּהִיג... אַלֶּע זַיינֶען אַרַיין אִין עֶסְס־צִימְמֶער וואוּ עֶס הָאט גֶעבְּרֶענְנְט אַ פְּרֶעהְלִיכֶער פַייֶער אוּנ אָבְּגֶעשַׁיינְט אוֹיף דֶעם עֶנְגְלִישֶׁען מֶעבֶּעל מִיט דִי בּוּפֶעטֶען אוּנ פֶאכֶער, אָנְגֶעשְׁטֶעלְלְט מִיט זִילְבֶּער אוּנ טַייֶערֶע גְלָאז־וַוארְג. דָאס צִימְמֶער מִיט דִי הֶעלְלְגְרִינֶע טַאפֶּעטֶען הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהן בֶּעזָאנְדֶערְס בֶּעקְוֶועם אִין דֶעם הַיינְטִיגֶען פַייכְטֶען, חְמַארְנֶעם טָאג. אִין דֶער מִיטְט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ טִישׁ, רַייךְ גֶעדֶעקְט אוּנ צְוִוישֶׁען דִי טְהַייֶערֶע כֵּלִים — בְּלוּמֶענְטָאפּ מִיט גְרוֹיסֶע טְהֶעֶע־רוֹיזֶען, וָואס הָאבֶּען פַארְשְׁמֶעקְט דֶעם גַאנְצֶען חֶדֶר.

דִי בַּארָאנֶעסֶע הָאט אַיינְגֶעלַאדֶען דֶעם גֶענֶערַאל, זִיךְ זֶעצֶען נֶעבֶּען אִיהְר־רֶעכְטְס, אוּנ דֶעם סְלֶיעדָאוַואטֶעל — לִינְקְס. נֶעבֶּען בַּארָאן הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט: רֶעכְטְס דוּטִיל, לִינְקְס זְשֶׁערַאר. קַאמִילְלַא הָאט גֶענוּמֶען פְּלַאץ צְווִישֶׁען זְשֶׁערַאר מִיט'ן גֶענֶערַאל, אוּנ הַיַאצִינְט — צְווִישֶׁען דוּטִיל מִיט אַמַאדְרְיָא'ן. בַּאלְד נָאךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶערִיכְט, וָואס אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן פַאנְקוּכֶען מִיט טְרִיפֶּפְלֶעס, הָאט זִיךְ דִי קְלֵיינֶע גֶעזֶעלְלְשַׁאפְט צוּרֶעדְט, עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ לֶעבֶּענְדִיג גֶעשְׁפְּרֶעךְ, אַ פְּרֶעהְלִיכֶע פְּלוֹידֶערַיי, וִוי גֶעוֶואהְנְלִיךְ אוֹיף אַלֶּע פַארִיזֶער פְרִיהְשְׁטָאקֶען, וואוּ מֶען צוּשְׁמוּעֶסְט זִיךְ וֶועגֶען אַלֶּע גְרוֹיסֶע אוּנ קְלֵיינֶע בֶּעגֶעבֶּענְהַייטֶען פוּן נֶאכְטִיגֶען טָאג אוּנ הַיינְטִיגֶען פְרִיה־מָארְגֶען — עֶס מִישְׁט זִיךְ אֱמֶת מִיט לִיגֶען, מֶען עֶרְצֶעהְלְט, מֶען רֶעדְט וֶועגֶען פָּאלִיטִישֶׁע נַייֶעס, וֶועגֶען אַ פְרִישֶׁען סְקַאנְדַאל אִין דֶער פִינַאנְץ־וֶועלְט, וֶועגֶען אַ נַייֶעם רָאמַאן, אַ נַייֶע שְׁטִיק אִין טֶעאַטֶער, פֶערְשִׁידֶענֶע הִיסְטָארְיֶעס וָואס אַייגֶענְטְלִיךְ וָואלְט מֶען זֵיי בֶּעדַארְפְט עֶרְצֶעהְלֶען אוֹיפְ'ן אוֹיעֶר־

און דאך רעדט מען פון זיי הויך. עס ווערט געוויצעלט און געלאכט, שארפזינן שיטט זיך וויפון א זאק, אבער דער שארפזינן, דער געלעכטער, וואס מייסטענס איז ער פוסט און פאלש, איז נור א מאסקע; אונטער דער מאסקע בעהאלט זיך יעדער זיינע זארגען, זיין צוטראגענקייט, זיין עגמת־נפש און זיין פעקיל דאגות.

דער באראן האט דער ערשטער אנגעהויבען רעדען, מיט זיין געוואהליך רוהיגע פרעכהייט, וועגען דעם ארטיקעל אין דער „פאלקס שטיממע":

— זאגט, האט איהר געלעזען סאניעס היינטיגען ארטיקעל? דאס איז איינער פון די בעסטע. זעהר גוט געשריבען... נור וואס פאר א געפאהליכער משוגענער איז דאס!

ביי־די ווארטער איז אללעמען לייכטער געווארען אויף דער נשמה. דאס ארטיקעל איז יעדען געלעגען ווי א שווערער שטיין אויפ'ן הארצען:

— עס הויבט זיך אן א פרישע פאנאמא — האט דוטיל אויסגעשריען — עס וואלט שוין געמאגט נעהמען א מאל א סוף!

— אפריקאנישע אייזענבאהנען — האט דער באראן ווייטער גערעדט — דאס איז דאך קלאר ווי דער טאג! די אללע וואס סאניע סטראשעט קענגען רוהיג שלאפען... דאס איז א גאנץ געוואהנליכע המצאה'לע, אומוואהרפען באררו'ס מיניסטעריום. געוויס וועט מען באלד דעם עסק ארויפלעגען אויפ'ן טעללער אין פארלאמענט. איהר וועט זעהן, וואס פאר א ליארם עס וועט ווערען.

— אונזערע צייטונגען, וואס לעבען נור פון רכילות און סקאנדאלען — האט אמאדיא אינטערגעחאפט — וועלען שוין אין גאנצען א תל מאכען פון פראנקרייך. מען וואלט בעדארפט ארויסגעבען שטרענגע זאקאנעס.

דער גענעראל האט אין כעס א מאך געטהון מיט דער האנד.

— וואס טויגען זאקאנעס אז מען וועט ניט האבען קיין מוטה זיי צו געברויכען!

עס איז שטיל געווארען. די דיענער האבען פארזיכטיג ארומגעטראגען געבראטענע פיש. דאס אויפגעבען צום טיש איז געוועזן אזוי שטי'ל, אז מען האט אפילו ניט געהערט קיין קלאפ מיט א טעלער. דאס געשפראך איז אונבעמערקט אריבערגעגאנגען אויף א נ'אנדער טעמא.

— מען זאגט, די נייע שטיק אין טעאטער איז ווייטער אפגעלעגט געווארען?

— יא — האט זשעראר פאטאקעוועט — היינט אין דער פריה האב איך זיך דערוואוסט, אז פריהער פאר אפריל וועט מען זי ניט שפיעלען.

קאמיללא, וואס די גאנצע צייט האט זי געשוויגען און געוועזן פארנומען אין די געדאנקען מיט זשעראר'ן, געטראכט ווי אנצינדען אין איהם די ליעבע צו זיך, האט מיט ברענענדע אויגען א קוק געטהון אויפ'ן פאטער און אויף דער מוטטער. מען האט גערעדט וועגען דער נייער שטיק, וואס די אקטריסע סילוויאנא האט זיך איינגעשפארט דווקא שפיעלען אין איהר. אבער דער

באראן מיט דער באראנעססע זענען געבליבען גאנץ רוהיג: זיי האבען שוין לאנג געוואוסט איינער דעם אנדערענס סודות וואס אונטערן נאגעל טהוט זיך.

חוה איז געווען אזוי גליקליך וואס זי וועט היינט צוזאממען קומען מיט איהר געליעבטען, אז זי האט שוין גאר ניט געטראכט וועגען עטוואס אנדערש, איהרע געדאנקען זיינען שוין געווען דארט, אין דעם נעסט פון ליעבע, און זי האט א צוטראגענע געשמייכעלט צו די גאסט. דער באראן וויעדער פון זיין זייט איז געווען פארנומען מיט דעם געדאנקען, ווי אזוי ער וועט מוזען מאכען א שווערע פראבע אין דער „פראנצאזישער קאמעדיע", מען זאל דורכאויס אריינגעהמען סילוויאנא'ן. ער האט נור קורץ געזאגט:

— ווי אזוי קענענען זיי שפיעלען די נייע שטיקק אז זיי האבען ניט קיין אקטריסעם!

— א! — האט די באראנעססע בעמערקט מיט א אונשולדיגער מינע — געבטען אין דער נייער שטיק אין „וואדעוויל" האט די קראנפרינצעססין וויניא געטראגען א וואונדערשאנע קלייד. גאר זי אליין קען אזוי קינסטליך פארקאמען די האר.

דוטיל האט גענומען ערצאהלען מיט האלבע ווארטער — ווייל ער האט זיך זשענירט פאר קאמיללאן — א געשיכטע פון דער דאזיגער וויניא מיט איינעם א בעריהמטען סענאטאר. נאכדעם האט מען אנגעהויבען רעדען וועגען א נ'אנדערער סקאנדאל: א יונגע פרוי, א גוטע בעקאנטע, איז געשטארבען דורך א שלעכטע אפעראציע — דעם חירורג האט מען געמאכט א קרימינאל-פראצעס.

דער אלטער בארדא-ווייין האט געפונקעלט ווי פריש בלוט אין די דינע טהייערע גלעזליך; דער ריח פון בראטענס האט זיך אויסגעמישט מיט דעם אראמאט פון די רויזען אויפ'ן טיש. נאכדעם האט מען אויפגעגעבען שפראגעל, וואס אמאל איז דאס געווען א גרויסע זעלטענהייט אום ווינטער, היינט אבער וואונדערט זיך קיינער ניט אויף אזא מאכל.

— היינט קריגט מען שפראגעל א גאנץ ווינטער — האט דער באראן געזאגט צו א אפגענארטער.

— זאגען זיי — האט זשעראר אפרעג געטהון — דאכט זיך אז היינט ביי טאג בעדארף זיין א אויפנאהמע ביי דער פירשטין דע-הארפ?

— יא, היינט — האט קאמיללא אונטערגעכאפט —. איהר וועט זיין?

— ניין, איך ווייס ניט; עס וועט מיר ניט אויסקומען — האט דער יונגער מאנן געענטפערט און צומישט געווארען.

— א, עס גלוסט זיך לאבען פון דער פירשטין! — האט דוטיל זיך אבגערופען — דאס הייסט א משונה'דיגע בריה! ווי איהר ווייסט, מאכט זי זיך פאר א נ'אלמנה. לסוף ווייזט זיך ארויס אז איהר מאנן, א ווירקליכער פירשט, פון קייזערליכער פאמיליע, א זעלטענער פארשוין, פאהרט ארום איבער אייראפא מיט א זינגערקע. דאס ווייב מיט איהר אויסגעלאססענעם פרצוף האט זיך בעזעצט אין פאריז, און

אִיהְר פַּאלַאץ אויף קְלֶעבֶּער גַאס , אוּנ פַארפִיהְרְט אַרוּם זִיךְ אַ „סְוִויטְטֶע” פוּן פֶער־שִׁיעֶדֶענֶע שְׁלֶאק פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט

— הֶארְט שׁוֹין אויף מִיט אַייעֶר בֶּאז מויל — הָאט זִיךְ דִי בַּארָאנֶעסְסֶע אַרַיינְגֶע־מִישְׁט . — מִיר אַלֶע הָאבֶּען רָ א זֶ ע מָ א נְ ד אַ 'ן זֶעהְר לִיעבּ . זִי אִיז זֶעהְר אַ לִיעבֶּע פְרוֹי .

— גֶעוִויס — הָאט קַאמִילְלַא פָּאטַאקֶעוֶועט . — זִי הָאט אוּנְז אַייַנְגֶעלַאדֶען אוּנ מִיר קְלַייבֶּען זִיךְ הַיינְט גֶעהְן צוּ אִיהְר . אַ יָא , מַאמַא ?

דִי בַּארָאנֶעסְסֶע הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט נִיט הֶערֶענְדִיג , אוּנ דוּטִיל הָאט וַייטֶער אָבְּגֶעשְׁפֶּאט פוּן דֶער פִירְשְׁטִין מִיט אִיהְר הַיינְטִיגֶען בַּאל , אויף וֶועלְכֶע עֶס בֶּעדַארְפֶען זַיין שְׁפַּאנִישֶׁע טֶענְצֶערְקֶעס , וָואס מַאכֶען אַזֶעלְכֶע טְרֵפָה'נֶע בֶּעוֶועגוּנְגֶען בַּיים טַאנְצֶען , אַז גַאנְץ פַּארִיז וֶועט קוּמֶען צוּלויפֶען אָנְקוּקֶען .

— אוּנ אִיהְר וַוייסְט — הָאט עֶר וַוייטֶער גֶערֶעדְט — זִי הָאט שׁוֹין אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען דָאס מַאלֶערַיי אוּנ זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ חֶעמִיע . אִין אִיהְר זַאל קָאכְט פוּן אַנַארְחִיסְטֶען . יָא , מַחֲשָׁבוֹתָן , מִיר שַׁיינְט אַז זִי לויפְט אַיךְ נָאךְ , הְ יַ א צִ י נְ ט .

בִּיז יֶעצְט אִיז הְיַאצִינְט גֶעזֶעסֶען אוּנ דָאס מויל נִיט גֶעעֶפֶענְט , גְלַייךְ וִוי עֶר זָואלְט גֶעוֶוען עֶרְגֶעץ אויף אַ נַאנְדֶער וֶועלְט .

— אַךְ , זִי אִיז מִיר שׁוֹין צוּגֶעגֶעסֶען גֶעוָוארֶען - הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט צְווִישֶׁען דִי צֶאהְן — אֲפִילוּ אַז אִיךְ וֶועל פָאהְרֶען אויפְ'ן בַּאל , טְהוּ אִיךְ דָאס נָאר , כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ זֶעהֶען דָארְט מִיט מַיין גוּטֶען פְרַיינְד , דֶעם יוּנְגֶען לָארְד עֶ לְ סָ א ן ; עֶר הָאט מִיר גֶעשְׁרִיעבֶּען פוּן לָאנְדָאן אוּנ בֶּעשְׁטֶעלְלְט , מִיר זָאלְלֶען צוּזַאמֶענְקוּמֶען בַּיי דֶער פִירְשְׁטִין . דִי וַואהְרְהַייט , דָארְט אִיז דָאס אֵיינְצִיגֶע הויז וואוּ מֶען קֶען זִיךְ בֶּעגֶעגְנֶען מִיט מֶענְשֶׁען .

מֶען הָאט דֶערְלַאנְגְט צוּם טִישׁ פַאשְׁטֶעטֶען אוּנ סְ'אִיז גֶעוָוארֶען אַ רֵייד וֶועגֶען אָרִימֶע בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת , אַלְטֶע אוּנ קַאלֶעקֶעס , פַאר וֶועלְכֶע עֶס אִיז אַ יוֹשֶׁר צוּ זָארְגֶען . דֶער בַּארָאן הָאט גוּטְמִיטְהִיג גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז בֶּערֵייט צוּ טְהוּן וָואס נָאר מֶעגְלִיךְ ; מֶען זָאל נָאר נִיט פַארְלַאנְגֶען פוּן אִיהְם אַזָאלְכֶעס וָואס אִיז אִיבֶּער דִי כֹּחוֹת . „אָט לְמָשָׁל , אוּנְזֶער פְרִיוּט פַאר אַלְטֶע אַרְבֵּייטֶער — מִיט אִיהְם מֶעגֶען מִיר אוּנְז בְּרִיהְמֶען”.

נָאכְ'ן דֶעסֶערְט זֶענֶען ווידֶער אַלֶע פְּלוּצְלִינְג שְׁטִיל גֶעוָוארֶען גְלַייךְ וִוי אִין יֶעדֶענְס הַארְצֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיק אויפְגֶעוֶועקְט דִי פַארְבָּארְגֶענֶע זָארְגֶען , אוּמְרוּהֶען אוּנ זַיינֶען אַרויסְגֶעטְרָאטֶען אויפְ'ן גֶעזִיכְט . דוּטִיל אִיז צוּרִיק אוּמְרוּהִיג גֶעוָוארֶען , מֶען זָאל אִיהְם נִיט מַסֶר'ן אַז עֶר הָאט גֶענוּמֶען חַאבַּאר ; אִין בַּארָאן הָאט אִיבֶּער־אַנַייעֶס אָנְגֶעהויבֶּען קָאכֶען דֶער כַּעַס אוּנ מוּטְשֶׁען דֶער גֶעדַאנְקֶען , וִוי אַזוֹי צוּפְרִיעדֶען שְׁטֶעלְלֶען סִ י לְ וְ וִ י אַ נַ א ן . דָאס מֵיידִיל אִיז גֶעוֶוען אַ וואוּנְד אִין זַיין הַארְצֶען , אַ וָוארֶעם וָואס הָאט גֶעטָאטְשֶׁעט זַיינֶע אַייזֶערְנֶע כֹּחוֹת . בֶּעזָאנְדֶערְס אִיז אויף דֶער בַּארָאנֶעסְסֶע , קַאמִילְלַא אוּנ זְשֶׁעראַר קֶענְטִיג גֶעוֶוען דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁטוּרְם וָואס קָאכְט בַּיי זֵיי אִין הַארְצֶען . דִי שִׂנְאָה צְווִישֶׁען מוּטֶער אוּנ טָאכְטֶער אִיז הַיינְט

שְׁטַארְקֶער גֶעוֶוען וִוי בִּיז אַהֶער , אֵיינֶע הָאט גֶעוָואלְט אַרוֹיסְרַייסֶען בַּיי דֶער אַנְדֶערֶער דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען . מִיט זִילְבֶּערְנֶע מֶעסְסֶערְלִיךְ הָאבֶּען דִי גֶאסְט פַּאמֶעלַאכְ'ן אָפְּגֶעשַׁיילְט דִי זַאפְטִיגֶע פְרוּכְטֶען וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיפְ'ן טִישׁ , צוּזַאמֶען מִיט פְרִישֶׁע נָאלֶדֶענֶע וַויינְטְרוֹיבֶּען ; נָאכְדֶעם הָאט מֶען אַרוֹמגֶעטְרָאגֶען פֶערְשִׁידֶענֶע זִיסִיגְקֵייטֶען , קָאנְפֶעקְטֶען , אַלְלֶערְלֵיי נַאשֶׁערַייֶען . קֵיינֶער אָבֶּער הָאט דָאס נִיט גֶעגֶעסֶען ; מֶען אִיז גֶעוֶוען גֶענוּג זַאט .

אַז מֶען הָאט דֶערְלַאנְגְט שִׁיסֶעלֶעךְ צוּם אוֹיסְשְׁוֵויינְקֶען דָאס מוֹיל , אִיז אַרַיין דֶער לָאקַאי אוּנ אַיינְגֶערוּימְט דֶער בַּארָאנֶעסֶע עֶפֶּעס אִין אוֹיעֶר . זִי הָאט שְׁטִיל גֶעעֶנְטְפֶערְט :

— גוּט , בֶּעט אִיהְם אִין גַאסְט־צִימֶער , אִיךְ קוּם בַּאלְד אַרַיין ;

נָאכְדֶעם הָאט זִי זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ דִי גֶאסְט אוּנ גֶעזָאגְט שׁוֹין הֶאכֶער :

— דֶער גַייסְטְלִיכֶער פְּרָאמַאן וִויל דוּרְכְאוּיס מִיךְ זֶעהֶען . מִיר בְּרוֹיכֶען זִיךְ נִיט שֶׁענִירֶען פַאר אִיהְם ; דַאכְט זִיךְ אַז אִיהְר זַייט אַלְלֶע מִיט אִיהְם בֶּעקַאנְט . אָ , דָאס אִיז אַ הֵיילִיגֶער מֶענְשׁ . אִיךְ שֶׁעץ אִיהְם זֶעהְר .

נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּט אִיז דֶער עוֹלָם גֶעזֶעסֶען בַּיי'ם טִישׁ ; עֶנְדְלִיךְ אִיז מֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ אַרוֹיס פוּן עֶסְצִימֶער , וָואס אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעזַאפְּט מִיט רֵיחוֹת פוּנְ'ם עֶסֶען , וַויין , פְרוּכְטֶען אוּנ רוֹיזֶען .

פְּ יֶ ע ר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער מִיטְט פוּן קְלֵיינֶעם גַאסְטְצִימֶער . דֶערְזֶעהֶענְדִיג אוֹיפְ'ן טִישׁ אַ טַאץ מִיט קַאוֶוע אוּנ לִיקֶער , הָאט אִיהְם שׁוֹין בַּאנְג גֶעטְהָאן וָואס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען . אוּנ אַז דִי גֶאסְט זַיינֶען אַלְלֶע אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט גְרוֹיס לֵיאַרְם , מִיט בְּלִישְׁצֶעדִיגֶע אוֹיגֶען אוּנ רוֹיטֶע גֶעזִיכְטֶער , אִיז עֶר נָאךְ מֶעהְר אוּמֶעדִיג אוּנ צוּמִישְׁט גֶעוָוארֶען . אָבֶּער דֶער פְלַאם פוּן בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקַייט הָאט זִיךְ אִין אִיהְם אַזוֹי צוּפְלַאקֶערְט , אַז עֶר הָאט בַּאלְד גוֹבֵר גֶעוֶוען דִי אוּמֶעדִיגְקַייט . אִיהְם הָאט נָאר אוֹיסְגֶעזֶעהֶן וִוי נִיט גֶעשִׁיקְלֶעךְ וָואס עֶר מוּז אַהֶער אִין דֶעם הוֹיז . וֶועלְכֶעס אִיז פוּל רַייכְקַייט , רָאסְקָאשׁ אוּנ לִיכְטִיגְקַייט , אַהֶער צוּ דִי מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען אַזוֹי פְרֶעהְלִיךְ נָאךְ דֶעם גֶעשְׁמַאקֶען פְרִיהְשְׁטִיק , אַרַיינְבְּרֶענְגֶען אוּנ אַרוֹיסְלֶעגֶען דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע אָרִימְקַייט , נוֹיט , שְׁמוּץ , עֶלֶענְד , הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט , וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶן הַיינְט אִין דֶער פְרִיה .

דִי בַּארָאנֶעסֶע אִיז תֵּכֶף צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהְם צוּזַאמֶען מִיט זְשֶׁ ע רַ א רְ'ן , וָואס דוּרְךְ זַיין מוּטֶער זַיינֶען זַיי בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען דַאמָאלְס וֶוען זִי אִיז גֶעוָוארֶען אַ קְרִיסְטִין . דֶער גַייסְטְלִיכֶער הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעטְטֶען אוּם פֶערְצַייהוּנְג וָואס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין אַזַא שָׁעָה .

— אִיהְר זַייט בַּיי מִיר שְׁטֶענְדִיג אַ לִיעבֶּער גַאסְט , הֶער גַייסְטְלִיכֶער . . . עֶרְלוֹיבְּט מִיר נָאר אָבְּפַארְטִיגֶען מַיינֶע גֶאסְט ; דִי מִינוּט שְׁטֶעה אִיךְ אַיךְ צוּ דִינֶען .

זִי אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם טַאץ , אָנְגִיסֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶער טָאכְטֶער קַאוֶוע מִיט לִיקֶער . זְשֶׁ עֶרַ א ר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן נֶעבֶּען פְּ יֶ ע ר אוּנ הָאט פוּנְקְט אָנְגֶע־

הויבּען רעדען וועגען דעם פּריוט פאר אַלטע בּעלי־מלאכות, וואו ניט לאַנג האָבּען זיי זיך בּעגעגענט אויף דער צערעמאָניע ווען מען האט אָנגעהויבּען בּויען אַ נייע אַפּיציגע פאַר די הונדערט־טויזענד פראַנק, וואס דער בּאַראָן דיוויליאַר האט מנדב געווען. דערוויילע איז דער פּריוט בּעשטאַנדען נור פון פיער געבּיידען; לויט פּראָיעקט אָבער האָבּען בּעדאַרפט זיין צוועלף. מען האט געקליבּען נדבות אונ די גבירים האָבּען געטהון אין דעם מיט גרויס ליאַרם, גלייך זיי וואָלטען וועלען ווייזען, אַז ס'איז פאַלש וואס מען זאָגט, זיי זאָרגען ניט פאַר דעם פאָלק... אָבער צוויי דריטטעל פון די נדבות זיינען אַוועקגעגאַנגען אויף דער גראָסאַרטיגער קירכע, וואס מען האט דאָרט געבּויט. די בּאַרמהערציגע דאַמען פון אַללע קלאַססען, די בּאַראָנעססע דיוויליאַר, גראַפין דע־קענסאַק, פירשטין ראַזעמאַנדע דע־האַרפ אונ נאָך פיעל אַנדערע, האָבּען גענומען דעם פּריוט אונטער זייער שוץ, געקליבּען נדבות, געמאַכט בּאַזאַרען א. ד. ג.— דער הויפּט אַדמיניסטראַטאָר, דער גאַנצער בּעל־הבית איז געווען דער דעפּוטאַט פּ א נ ס ע ג, רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „גלאָב". ער איז געווען זעהר אַ טיכטיגער מענש, אונ זיין צייטונג האט שטאַנדיג געשריבּען פייערינע אַרטיקלען פאַר'ן פּריוט, געהויבּען איהם בּיז'ן זיבּעטען הימעל.

קאַמיללא איז אַרומגעגאַנגען איבּערן צימער מיט אַ גלעזעל קאַווע פון וועלכע עס האט געזעצט די פּאַרע.

— פיעללייכט וועט איהר ערלויבּען אַ גלעזעל קאַווע, הער גייסטליכער?

— ניין, איך דאַנק.

— אַלזאָ אפשר אַ גלעזעלע שאַרטרעז?

— אויך ניט. איך דאַנק

אַז די בּאַראָנעססע האט שוין צוגעסען די קאַווע האט זי זיך זעהר פריינדליך געווענדעט צום גייסטליכען.

— נו, הער גייסטליכער, מיט וואס קען איך אייך דיענען?

פּ י ע ר האט אָנגעהויבּען רעדען שטיל. ער האט געפיהלט ווי עס דריקט איהם אין האַלז אונ דאס האַרץ קלאַפּט איהם פון אויפרעגונג.

— איך בּין געקומען, מאַדאַם, זיך ווענדען צו אייער גוטסקייט וואס שעפּט זיך קיינמאָל ניט אויס. היינט אין דער פריה האָבּ איך, אין איינע פון די שרעקליכע נאַרעס אויף מאָנמאַרטר, געזעהן אַ קאַרטינע, וואס האט מיך געריססען בּיי'ם האַרצען. איהר קענט אייך גאַר ניט פאָרשטעללען וואס פאַר אַ שרעקליך הויז דאס איז אונ וועלכע אָרעמקייט אונ נויט דאָרט איז: גאַנצע פאַמיליעס זיצען אָהן בּעהייצונג, אָהן אַ לאָפּפעל געקעכץ. די מאַנספּערזאָנען האָבּען ניט קיין אַרבּייט; בּיי די מיטטער איז פערשוואונדען געוואָרען די מילך, זיי האָבּען ניט מיט וואס צו ערנאָהרען די זויג־קינדער; דאס קליינוואַרג איז נאַקעט, הוסטען, ציטטערן פון קעלט... אונ צווישען אַזאַלכע מוראדיגע סצענעס האט איין צופאַלל, דער שרעקליכסטער, מיך בּעזאָנדערס דערדריקט, איך בּין נבהל ומשתומם געוואָרען — אַ אַלטער אַרבּייטער, אָהן כּחות

דורךְ דִי אֶלְטֶער . שְׁטַארְבְּט פַּאר הוּנְגֶער אויף אַ הויפֶען שְׁמַאטֶעס, אַיְן אַ נָארֶע וָואס אָפִּילוּ אַ הוּנְט וָואלְט דָארְט נִיט גֶעשְׁמֶעקְט .

פְּ ֵי ע ר הָאט זִיךְ בֶּעמִיהט זַיין אַיינְגֶעהַאלְטֶען ; אִיהם הָאבֶּען גֶעשְׁרָאקֶען זַיינֶע אַייגֶענֶע וָוארְטֶער, דִי טְרוֹיֶערִיגֶע שִׁילְדֶערוּנְג פוּן עֶלֶענְד — דָא אִין אַזַא רָאסְקָאשׁ אִיבּ וואהלְטָאג, פַּאר מֶענְשֶׁען וָואס זֵיי פֶּעהלְט קֵיין זַאךְ נִיט ; עֶס אִיז אִיהם זֶעהר נִיט אַנְגֶענֶעהם גֶעוֶוען קוּמֶען אַהֶער, אִין אַזַא הויז פוּן גְלִיק און פְרֵייד, פוּנְקְט נָאךְ פְרִיהשְׁטִיק וְוִיבְּ דִי הֵייסֶע קַאוֶוע פַארְשְׁמֶעקְט דֶעם צִימְמֶער, און רֶעדֶען וֶועגֶען דַלוּת, נויט און הוּנְגֶער . . . און דָאךְ הָאט עֶר וַוייטֶער גֶערֶעדְט, זָאגַאר מִיט אַ הֶעכֶערן קוֹל ; עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט זִיךְ אַלֵיין בֶּעהֶערְשֶׁען, און הָאט עֶרְצֶעהלְט וַוייטֶער, דֶערְמָאנְט לַ א וְ ו ִ א ו ְ ו ס נָאמֶען, אויסְגֶע־וִויזֶען אַז אַזָאלְכֶען אִיז אַ נְ'עֲבֵרָה פַּאר גָאט לָאזֶען אָהן הִילְף ; אַיינְפַאכֶע מֶענְשְׁלִיכְקַייט הֵייסְט אַזָאלְכֶען שְׁטִיצֶען און פֶערְגְרִינְגֶערן דִי צָרוֹת . אַלְלֶע גֶעסְט זַיינֶען צוּגֶעגַאנְגֶען הָארֶען: דֶער בַּארָאן, דֶער גֶענֶערַאל אַמַאדְיָא און דוּטִיל . זֵיי הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען פַּאמֶעלִיךְ דִי קַאוֶוע, גֶעשְׁוִויגֶען און אויסְגֶעהֶערְט .

— מִיט אֵיין וָוארְט — הָאט דֶער גֵייסְטְלִיכֶער גֶעזָאגְט צוּם סוֹף — אִיךְ רֶעכֶען, אַז מֶען קֶען לֶאנְגֶער נִיט לָאזֶען דֶעם אַלְטֶען אִין אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען צוּשְׁטַאנְד, און אִיךְ הָאף, אַז אִיהר וֶועט אַזוֹי גוּטְהֶערְצִיג זַיין און הֵייסֶען אִיהם אַרֵיינְנֶעהמֶען אִין פְּרִיוּט פוּן דִי אַלְטֶע אַרְבֵּייטֶער, וָואס דָארְט אִיז אֵייגֶענְטְלִיךְ זַיין רִיכְטִיגֶער אָרְט

אִין חַוָה'ס שֶׁאנֶע אויגֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעוִויזֶען טְרֶערֶען . פְּ ֵי ע ר ס טְרוֹיֶערִיגֶע עֶרְצֶעהלוּנְג הָאט אִיהר פַארְשְׁטֶערְט דִי גַאנְצֶע שִׂמְחָה פוּן הַיינְטִיגֶען טָאג . . . זִי, דִי פוּילֶע, אָהן עֶנֶערְגִיֶע, וָואס אִיז שְׁטֶענְדִיג פַארְנוּמֶען נוּר מִיט דֶער אֵייגֶענֶער פֶערְזָאן, אִיז מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען, זַיין דִי פָּארְזִיצֶערִין פוּן קָאמִיטֶעט נוּר מִיט דֶעם בֶּעדִינְג, אַז פַּ אנְסֶעג זָאלל אַלְלֶעס פֶּערְזָארְגֶען, זִי זָאלל קֵיין שׁוּם קְלָאפָּאטֶען נִיט הָאבֶּען .

— אַךְ, הֶערְר גֵייסְטְלִיכֶער — הָאט זִי אַ וָוארְטְשֶׁע גֶעטְהוּן — מִיר רֵייסְט וִוירְקְלִיךְ דָאס הַארְץ . נוּר אִיךְ קֶען דָא גָאר נִיט הֶעלְפֶען, לַחֲלוּטִין גָאר נִישְׁט, בְּנֶאֱמָנוּת . . . אִיבְּרִיגֶענְס גֶעדֶענְק אִיךְ, אַז מִכֹּחַ דֶעם לַאוְויָאוו אִיז שָׁאן גֶעוֶוען אַ רֶעדֶע . אִיהר חַייסְט דָאךְ, אִין אוּנְזֶער פְּרִיוּט נֶעהמֶען מִיר נִיט אַרֵיין אַבִּי וֶועמֶען, מִיר פְּרֶעגֶען זִיךְ פְרִיהֶער גוּט נָאךְ . דָאס גִיבֶּען מִיר אִיבֶּער אֵיינֶעם, וָואס אִיז חוֹקֵר וְדוֹרֵשׁ און גִיבְּט צוּ ווִיסֶען דֶעם קָאמִיטֶעט . שֵׁיינְט מִיר אַז אַייךְ, הֶערְר דוּטִיל, הָאט מֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֶעם לַאוְויָאוו ?

דֶער דֶעפּוּטַאט הָאט אויסְגֶעטְרוּנְקֶען דָאס גְלֶאזֶעלֶע שַׁארְטְרֶעז .

— נוּ, יָא, מִיר . . . הֶערְר גַייסְטְלִיכֶער, דֶער חֶבְרָה־מַאנְן הָאט אֵיינְפַאךְ חוֹזֵק גֶעמַאכְט פוּן אַייךְ . עֶר אִיז גָאר נִיט קְרַאנְק, און אוֹיבּ אִיהר הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעלָאזְט גֶעלְט, וֶועט עֶר בַּאלְד נָאךְ אַייךְ אַרוֹיסְגֶעהן און פַארְשִׁכּוֹר'ן . עֶר אִיז שְׁטֶענְדִיג שִׁכּוֹר, און אויסֶער דֶעם הָאט עֶר זֶעהר אַ פַּאסְקוּדְנֶעם חַארַאקְטֶער, פוּן פְּרִיוּט בַּיי נַאכְט זִידֶעלְט עֶר דִי גְבִירִים, און זָאגְט אַז וֶוען עֶר זָאלל זַיין אִים שְׁטַאנְד וָואלְט עֶר פוּן זֵיי אַלֶע גֶעמַאכְט אַ בַּארְג אַשׁ . . . אִיבֶּערְהוֹיפְּט ווִילל עֶר גָאר נִיט נֶעהן אִין

פְּריוּט, בַּיי אִיהְם הֵייסְט דָאס אַ אָסְטְרָאג, אַ טוּרְמֶע וואוּ דִי מְנִישְׁקֶעס וֶועלֶען אִיהְם הִיטֶען אוּנ נֶאטְהֶען גֶעהְן אַלֶע טָאג זָ'אוּנֶען; עֶר זָאגְט, אַז דָאס אִיז אַ פַארְשָׁאלְטֶענֶער קְלוֹיסְטֶער, וואוּ נַיין דֶעם זֵייגֶער פֶערְשְׁלִיעסְט מֶען שׁוֹין דִי טוֹיעֶרֶען... ווִיפִיעל גֶעפִינְט אִיהר אַזָאלְכֶע שְׁלֶעפֶער, וָואס ווִילֶען בֶּעסֶער לַיידֶען קֶעלְט אוּנ הוּנְגֶער אַבִּי זַיין פְרַיי! לָאזֶען אַזָאלְכֶע ווִי לַ אוֹ וִ יָ או דֶערְפְרָארֶען וֶוערֶען אוֹיף דֶער גַאסס, אַז זַיי גֶעפֶעלְט נִיט אוּנְזֶער בְּרוֹיט מִיט אוּנְזֶער וַוארִימְקַייט אִין פְּרִיוּט.

דֶער גֶענֶערַאל מִיט אַמַאדְרָיאן הָאבֶּען פָאטַאקֶעוֶועט אוּנ צוּגֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קָאפּ. נָאר דִ יוּ וִ י לְ יֵ א ר הָאט אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען מֶעהר אֵיידֶעלְקַייט:

— נַיין, נַיין, עֶר אִיז דָאךְ פָארְט אַ מֶענְשׁ, מֶען דַארְף אִיהם הֶעלְפֶען זָאגַאר גֶעגֶען זַיין ווִילֶען.

חַוָה, וָואס הָאט זִיךְ גֶעהר בֶּעאוּמְרוּהִיגְט, מֶען זָאל בַּיי אִיהר נִיט צוּנֶעהמֶען דִי גַאנְצֶע צַייט פַאר מִיטְטָאג, הָאט גֶעזוּכְט פֶערְשִׁיעדֶענֶע אוֹיסְרֵיידֶען:

גְלוֹיבְּט מִיר זִיכֶער אַז אִיךְ הָאבּ גֶעבּוּנְדֶענֶע הֶאנְט... אִיךְ ווִילל אַ וַדַאי הֶעלְפֶען, אָבֶּער זָאגְט אַלֵיין, אִיז עֶס מֶעגְלִיךְ מֶען זָאלל דִי רֶגַע צוּזַאמְמֶענְנֶעהמֶען דֶעם דַאמֶען־קָאמִיטֶעט? אָהן קָאמִיטֶעט הָאבּ אִיךְ קֵיין שׁוּם רֶעכְט נִיט עֶפֶּעס צוּ בֶּעשְׁטִימְמֶען, בִּפְרַט אַזָא זַאךְ, וָואס דָאס קָאמִיטֶעט הָאט שׁוֹין אֵיינְמַאל דַארִיבֶּער גֶערֶעדְט אוּנ אָבְּגֶעזָאגְט

פְּלוּצְלִינְג אִיז אִיהר אַיינְגֶעפַאלֶען אַ וֶועלְטֶענֶער אַיינְפַאל:

— וֵוייסְט אִיהר וָואס אִיךְ וֶועל אַייךְ רַאטְהֶען, הֶערְר גַייסְטְלִיכֶער, גֶעהט זִיךְ דוּרְךְ צוּ אוּנְזֶער דִירֶעקְטָאר פְּ א נְ סֶ ע ג. אִין אַזָא נֶאטְהִיגֶע זַאךְ קֶען נוּר עֶר אַלֵיין עֶפֶּעס טְהוּן: עֶר ווֵייס, אַז אַלֶע דַאמֶען הָאבֶּען צוּ אִיהְם דֶעם גְרֶעסְטֶען צוּטְרוֹיעֶן אוּנ זַיינֶען מַסְכִּים אוֹיף אַלְץ וָואס עֶר טְהוּט.

— פָּ א נְ סֶ ע ג'ן וֶועט אִיהר יֶעצְט גֶעפִינֶען אִין פַארְלַאמֶענְט — הָאט דוּטִיל צוּגֶעגֶעבֶּען מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל — נָאר אִיךְ זָאג אַייךְ פְרֶעהר: הַיינְט וֶועט דָארְט זַיין אַ גְרוֹיסֶע קָאכֶעבַּיי אוּנ וֶוער וֵוייסְט אוֹיבּ עֶר וֶועט הָאבֶּען אַ פְרַייֶע מִינוּט, רֶעדֶען מִיט

פְ יֶ ע ר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ בֶּעטְטֶען אוּנ בַּיי זִיךְ פֶעסְט בֶּעשְׁלָאסְסֶען, גֶעהְן בַּאלְד צוּ פָאנְסֶעג'ן אוּנ פוּעלְ'ן בַּיי אִיהְם, מֶען זָאל נָאךְ הַיינְט אִין אָוֶוענְד צוּנֶעהְמֶען דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען לָ או וִ יָ או. זְשֶׁעַרַאר הָאט אִיהְם נָאךְ אָבְּגֶעהַאלְטֶען אֵיינִיגֶע מִינוּט אוּנ גֶערַאטְהֶען, עֶר זָאל עֶרְקְלֶערֶען דֶעם דֶעפּוּטַאט, וָואס פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶען אַיינְדְרוּק דִי גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע וֶועט מַאכֶען, קוֹים וֶועלֶען זִיךְ דִי רֶעוָואלוּצְיָאנְס־צַייטוּנְגֶען דֶערְפוּן דֶערְווִיסֶען... דִי גֶעסְט הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַאנַאנְדֶערְגֶעהן. פַאר'ן אַוֶועקְגֶעהן אִיז דֶער גֶענֶערַאל צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין פְלֶעמְיַאנִיק אוּנ גֶעפְרֶעגְט, אוֹיבּ עֶר וֶועט זִיךְ קֶענְנֶען זֶעהן מִיט אִיהְם הַיינְט בַּיי טָאג בַּיי דֶער מוּטְטֶער. דֶער יוּנְגֶערְמַאנְ הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז חַוָה אוּנ קַאמִילַא קוּקֶען אוֹיף אִיהְם, הָאט עֶר דֶעם פֶעטְטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ נֵייג אוֹיף „נֵיין". — נָאכְ'ן גֶענֶערַאל אִיז אַמַאדְרָיא אִיבֶּערְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ

געזאגט, ער האט אוויכטיגע זאך היינט אין סוד. דוטיל איז אויך אוועקגעגאנגען אין פארלאמענט.

— אלזא, צווישען פיער אונ פינף ביי סילוויאנא'ן? — האט דער באראן געזאגט ווען ער איז ארויס איהם בעגלייטען — קומט מיר ערצאהלען וואס איז פארגעקומען אין פארלאמענט דורך דעם פאסקודנעם ארטיקעל סאניעס. איך ברויך דאס וויססען... דערוויל וועל איך אריין אין מיניסטעריום פון שאנע קונסטען, זעהן מען זאל זי אריינגעהמען אין טעאטער; נאכדעם האב איך נאך אנדערע געשעפטען.

— גוט, צווישען פיער אונ פינף, ביי סילוויאנען — האט דער דעפוטאט געזאגט אוועקגעהענדיג מיט אַ אומרוהיגען געמיט וועגען דער מאוסער געשיכטע פון די אפריקאנישע אייזענבאהנען.

אללע האבען שוין פארגעססען דעם אומגליקליכען לאוויאו וואס שטארבט פאר הונגער. יעדער איז געלאפען אין זיינע געשעפטען, יעדער האט זיך אבגעגעבען צו זיינע אייגענע זארגען, תאוות אונ ליידענשאפטען, אוועקגעריססען אין די חוואליעס פון פאריזער קאכעדיג לעבען.

— אלזא, מאמא — האט קאמיללא געפרעגט אונ קיין אויג ניט אראבגענומען פון דער מוטטער מיט זשעראר'ן — פאהרען מיר צו דער פירשטין?

— יא, די מינוט... נאר בלייבען וועל איך מיט אייך ניט קאננען. איך האב אין דער פריה ערהאלטען א דעפעשע פון סאלמאנען אונ מוז דורכאוים פאהרען אהין זייגער פיער, אנפאססען דאס קלייד.

דאס יונגע פריילין האט געוואוסט, אז די מוטטער זאגט ליגען, אבוואהל זי רעדט גאנץ רוהיג.

אט וואס! איך האב געגלויבט אז דאס קלייד וועט ווערען אפגעלעגט אויף מארגען... אלזא, וועלען מיר צופאהרען צוריקוועגס צו אייך ביי סאלמאנען.

— אה, ניין, ניין, מיין טהייערע. איך ווייס זעלבסט ניט ווען איך וועל פריי ווערען. עס קען זיין, אויב איך וועל צייט האבען, וועל איך נאך אפטרעטען ביי דער מאדיסטקע.

קאמיללאס שווארצע אויגען האבען געשיטט פונקען פון גרוים כעס. עס איז געוויסס, היינט וועלען זיי זיך זעהען אונ זי קאן זיי ניט שטערען. אימאנסט האט זי מיט די אויגען געבעטען זשעראר'ן; ער האט זיך אוועקגעדרעהט אונ גאר ניט געקוקט אויף איהר. פיער, וואס האט פיעל זאכען געוואוסט צייט ער האט אנגעהויבען אריינגעהן אין דעם הויז, האט דערקאנט אן זייערע אויגען, אז דא געהט פאר א שטוממע פארבארגענע דראמע.

היאצינט, וואס איז געזעססען אויסגעצויגען אויף א שטוהל אונ געטרונקען דאס צווייטע גלאזיל ליקער, האט מיט אמאל אנגעהויבען רעדען:

— איך געה אויף ליליעס אויסשטעללונג, וואו גאנץ פאריז וועט זיין. מען

זאגט, זעהר א זעלטענע אויסשטעללונג. בעוואנדערם איין בילד, „געצוואונגען די נשמה”, לויבט מען זעהר.

— נו, אויב איהר ווילט, קען איך אייך אהין אבפיהרען עהדער מיר וועלען געהן צו דער פירשטין — האט די באראנעססע געזאגט.

— געוויס, דורכאויס! — האט קאמיללא זיך אנגעכאפט זי פלעגט שטאנדיג אבשפאטטען פון די נייע מאלער, נאר יעצט איז ביי איהר רעכט געוועזן פאהרען אהין, אפשר וועט זי אויף אזא אופן קענען פארהאלטען די מוטטער זי זאל ניט צוזאממענקומען מיט דעם געליעבטען. מיט א געמאכטען שמייכעל האט זי געפרעגט זשעראר'ן:

— אונ איהר, הערר זשעראר, וועט געהן מיט אונז אויף דער אויס־שטעללונג?

— א ניין — האט דער גראף געענטפערט — איך וויל מיך א ביססעל דורכגעהן צופוס. איך וועל דעם הערר גייסטליכען אבפיהרען אין פארלאמענט.

ער האט זיך אנייג געטהון צו דער מוטטער מיט דער טאכטער אונ זיי ביידען געקושט די האנד. ביז פיער א זייגער איז ביי איהם געבליעבען, ער זאל אריינגעהן אויף א ווייל צו דער אקטריסע סילוואנא, וואו ער איז געוואוען א נ'אריינגעהער צייט ער האט דארט איינמאל גענאכטיגט. ארויסגעהענדיג מיט'ן גייסטליכען אויפ'ן גרויסען הויף פון באראנס פאלאץ, האט ער זיך אבגערופען:

— אך, ווי וואהל ס'איז שעפען די קיהלע לופט! ביי זיי איז צופיעל אנגע־הייצט אונ דער ריח פון די בלומען שלאגט אויך אין קאפ.

פיער איז ארוים ווי בערוישט פון דעם הויז, וואס האט איהם אויסגעוויזען ווי א גן־עדן, וואו עס זיצען נור אויסגעקליבענע, גליקליכע. זיין איינציגער געדאנקען איז יעצט געוועזן וועגען לאוויאוו, ווי אזוי צו פועל'ן ביים דעפוטאט פאנסעג. מען זאל דעם ארימען אלטען אריינגעהמען. ער האט גאר ניט געהערט וואס דער גראף רעדט צו איהם. די טהויערען פון פאלאץ זיינען הינטער זיי פארמאכט געווארען אונ קוים זיינען זיי אריבער עטליכע טריטט אין גאסס איז פאר פיער'ס אויגען עטוואס דורכגעפלויגען ווי א חלום. אויף דער צווייטער זייט גאסס, ביים טראטואר, איז געשטאנען א ארבייטער, עהנליך צו סאלוואן'ן, מיט א זאקיל אונטער'ן ארם, אונ האט זיך צוגעקוקט צו די גראסארטיגע טויערען פון פאלאץ, הינטער וועלכע ס'איז דא אזוי פיעל אוצרות... דעם גייסטליכען האט געשיינט, אז ער ערקענט דעם אומ־גליקליכען, אויסגעהונגערטען, וואס איז אין דער פריה אוועק זוכען ארבייט. קוים אבער האט זיך פיער אומגעדרעהט צו איהם איז דער ארבייטער אוועקגעגאנגען, שלעפענדיג די פיסס אהן כח; וואהרשיינליך האט ער מורא געהאט, פיער זאל איהם ניט דערקענען. דער גייסטליכער האט איהם בעטראכט פון הינטען אונ ביי איהם איז געבליעבען, אז דאס איז געוויסס א נ'אנדערער.

II.

אריינגעהענדיג אין בורבאן-פאלאץ (דאס פראנצאזישע פארלאמענט) האט פיער דערמאנט, אז ביי איהם איז ניטא קיין בילעט. עס איז ביי איהם שוין געבליבען ארויסבעטטען צו זיך אין דרויסען דעם דעפוטאט פאנסעג, אבוואהל ער איז איהם אומבעקאנט. נאר פלוצלינג איז איהם אנטקעגען געקומען אין פאר-הויז דער דעפוטאט מעזש, מיט וועלכען ער איז אמאל בעקאנט געווארען אין ארימען קווארטאל שאראן, ווען פיער איז דארט ארומגעגאנגען העלפען די ארימע לייט.

— וואס טהוט איהר דא? — אדאי געקומען אונז אויסשטראפען אונ ארויפפיהרען אויפ'ן אמת'ן וועג!

— אה, ניין. איך בעדארף מיך זעהען מיט פאנסעג'ן וועגען זעהר א נאט-היגע זאך: עס איז דא א אומגליקליכער וואס קען ניט ווארטען אונ מען מוז איהם באלד העלפען.

— פאנסעג... איך ווייס ניט אויב ער איז שוין געקומען. ווארט נור א ווייל.

דערווייל איז פארביי געגאנגען א יונגער מענש קליין אונ שווארץ, ווי א שפיר-הונד. מעזש האט איהם אבגעשטעלט מיט די ווערטער:

— הערט נאר, מאססא. דער גייסטליכער פראמאן ווינשט זיך זעהען מיט אייער פרינציפאל.

— ער איז נאך ניט געקומען. ערשט ניט לאנג האב איך איהם איבערגעלאזט אין דער רעדאקציע, וואו ער וועט נאך ארבייטען א גוטע פערטעל שעה. אויב דער הערר גייסטליכער וועט וועלען דא אויפווארטען, וועט ער איהם באלד קאנען זעהען.

מעזש האט אריינגעפיהרט פיער'ן אין זאל „פערלארענע טריטט", א ברייטע אונ קאלטע זאל, מיט בראנזענע סטאטועס פון לאאקאאן אונ מינערווא*), נאקעטע וואנט מיט גרויסע לאנגע פענסטער וואס געהען ארויס אין א גארטען. יעצט איז די זאל געווען פול מענשען, דערהיצטע. צוקאכטע; איינע זיינען געשטאנען אין ראדליך, די אנדערע געלאפען היין אונ צוריק אונ זיך דורכגעשטופט אין דער ענגשאפט. דא זיינען געווען דעפוטאטען אונ זורנאליסטען, ציטונגס-שרייבער אונ גלאט אזוי נייגיעריגע. דער עולם איז אימער געווארען גרעססער, דער רעש איז וואס אמאל געווארען שטארקער, מען האט גערעדט מיט היטץ, געטענהט, געשריען, געלאכט, גערודערט מיט דער צונג אונ מיט אללע אברים.

*) „מינערווא" איז אין דער מיטאלאגיע די געטין פון חכמה אונ מלחמה, בעשיצערין פון מאלעריי אונ אנדערע שאנע ארבייטען, אויך די געטין פון ווייבערשע האנדארבייט. „לאאקאאן" איז געווען א גלח ביי דעם אפגאטט אפאללא. 2 שלאנגען האבען איהם מיט זיינע זיהן דערווארגען פארא חטא.

אז מ ע ז ש איז אריינגעקומען איז דער ליארם נאך גראססער געווארען. מעזש איז געוועזען א הויכער מאנספערזאן, זעהר מאגער, די קליידער פערנאכלעססיגט אבוואהל ער איז ניט מעהר אלט געוועזען ווי פינף-אונ-פערציג יאהר, האט ער שוין אויסגעזעהן ווי געאלטערט אונ אבגעפאהרען, נור די אויגען האבען נאך געהאט אין זיך דעם פייער פון א יונגען מאנן אונ געבלישצעט דורך די פענסטע וואס זיינען קיינמאל ניט אראפ פון זיין דיענע נאז ווי א פאגעלשער שנאבעל. ער האט שטאנדיג געהוסט; גערעדט קורץ אונ שארף, מיט גרויס היטץ. איין זאך האט איהם געהאלטען אויף די פיס — דער ליידענשאפטליכער חשק צו לעבען אונ אויספיהרען זיינע געדאנקען: מאכען א נייע, בעססערע ארדנונג אין דער וועלט, אין דער מענשליכע געזעללשאפט. זיין פאטער איז געוועזען א אריכער דאקטאר אין איינע פון די קליינע שטאדטליך אין צפון-פראנקרייך אונ ער איז נאך פון קינדרוויים געקומען אין פאריז, געשריבען אביסעל אין צייטונגען, געהאט פערשיעדענע פראפעססיעס. אין פאלקספערזאמלונגען פלעגט ער האלטען רעדען אונ דערמיט זיך געמאכט א נאמען, געווארען בעקאנט. שפעטער איז ער געווארען א פיהרער פון א גאנצע פארטיע, וואס האט איהם אויסגעקליבען אונ געמאכט פאר א דעפוטאט אין פארלאמענט.

— איהר ווייסט וואס דא געהט פאר? — האט ער געפרעגט פ י ע ר'ן — מען קען ניט זאגען, שאן זעהען מיר אויס, פארקראכען אין בלאטע ביז איבער די אויערען!

ער האט געפיהלט א אמתע סימפאטיע צו דעם גייסטליכען, וויססענדיג זיין נוטהערציג פ י ע ר איז צו אללע ארימע ליידענדע אונ ווי ער בעגעהרט אויך פון גאנצען הארצען, די מענשען זאלען בעססער, פיינער ווערען. פ י ע ר פון זיין זייט האט זיך אויך שטארק אינטערעססירט מיט דעם היצטיגען פאנטאזיאר, וואס וויל דורכאויס גליקליך מאכען די וועלט מיט נייע ארדנונגען. פ י ע ר האט איהם געקאנט אז ער איז ארעם, לעבט זעהר בעשיידען מיט א פרוי אונ פיער קינדער וועלכע ער ליעבט זעהר היים.

— איהר קאנט מיר ניט חושד זיין אז איך האלט מיט ס א נ י ע'ן — האט מעזש ווייטער געזאגט — נור ווי באלד ער האט היינט אנגעהויבען צו רעדען אונ סטראשעט, ער וועט אפדרוקען די נאמען פון אללע איבערגעקויפטע דעפוטאטען, קאנען מיר לאנגער ניט שווייגען, מען זאל אונז חושד זיין אז מיר האבען אויך א חלק אין דעם. די וועלט האט זיך שוין לאנג געשטויססען, אז ס'זיינען פארגעקומען זעהר מאוסע געשיכטען מיט די אפריקאנישע אייזענבאהנען. דאס ערגסטע איז, וואס מען בעפאללט צוויי היינטיגע מיניסטארען, ווייל פאר דריי יאהרען, ווען דער באראן ד י ו ו י ל י א ר האט ארויסגעגעבען זיינע אקציעס, איז ב א ר ר ו געוועזען אינערליכער מיניסטער אונ מאנפערדאן דער מיניסטער פון קהלשע געביידען. היינט, אז זיי זענען צוריק געקומען — איינער איז אינערליכער מיניסטער אונ דער צווייטער אין פינאנץ-מיניסטעריום — מוז מען דאך פארלאנגען פון זיי רעכנונג פון זייערע דאמאליגע מעשים... ניין, ניין, לאנגער קענען זיי ניט שווייגען. איך האב מודיע געוועזען אז

נָאךְ הַיינְט ווִיל אִיךְ פַארְלֶעגֶען אִין פַּארְלַאמֶענְט דִי פְּרַאגֶע. דִי מַכָּה מוּז פְּלַאצֶען!

דוּרְךְ דֶער פְרַאגֶע וָואס מֶעזְשׁ הָאט הַיינְט גֶעזָאלְט פְרֶעגֶען הָאט טַאקִי יֶעצְט אַזוֹי גֶעקָאכְט אוּנ גֶערוּישְׁט אִין דִי קָארִידָארֶען פוּן פַּארְלַאמֶענְט. פְּיֶער, וָואס אִיז גֶעוֶוען פַארְנוּמֶען מִיט דֶעם אֵיינְצִיגֶען גֶעדַאנְקֶען: רַאטֶעוֶוען אַ אוּנְגְלִיקְלִיכֶען פוּן הוּנְגֶער־טוֹיְדְט הָאט קוֹים פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס דֶער סָאצְיַאלִיסְטִישֶׁער דֶעפּוּטַאט מֶעזְשׁ רֶעדְט צוּ אִיהְם. דֶער לֶיאַרְם אַרוּם זֵיי אִין זַאל אִיז יֶעצְט גֶעוָוארֶען נָאךְ גְרֶאסֶער ווִי פְרִיהֶער. אִין דֶעם גֶעלֶעכְטֶער אִיז גֶעוֶוען לַייכְט צוּ דֶערְקֶענֶען, אַז פִיעל מֶענְשֶׁען קָאנֶען זִיךְ נִיט גֶענוּג פֶערְווָאוּנְדֶערְן, ווִי דֶער גַייסְטְלִיכֶער זִיצְט מִיט אַ סָאצְיַאלִיסְט אוּנ שְׁמוּעֶסְט גַאנְץ בְּרִידֶערְלִיךְ...

— נַארָאנִים! — הָאט מֶעזְשׁ גֶעזַייט דוּרְךְ דִי צֶאהְן — זֵיי מוּזֶען אַוַדַאי מֵיינֶען, אַז אִיךְ עֶסְס יֶעדֶען טָאג בַּיי פְרִישְׁטָאק אַ גַייסְטְלִיכֶען... פֶערְצַייהֶעט וָואס אִיךְ גֶעה אַוֶועק פוּן אַייךְ, מַיין לִיעבֶּער הֶערְר פְּרָאמַאן. וֶועצְט אַייךְ דָא אוֹיפְ'ן וֶועסְטִיבּוּל אוּנ וַוארְט בִּיז פָּאנְסֶעג וֶועט קוּמֶען.

עֶר אִיז אַרַיין צְווִישֶׁען עוֹלָם אוּנ פְּיֶער'ן אִיז אַרוּיף אוֹיף דִי גֶעדַאנְקֶען, אַז ס'אִיז ווִירְקְלִיךְ גְלַייכֶער, זִיךְ זֶעצֶען אִין אַ ווִינְקֶעל אוּנ וַוארְטֶען גֶעדוּלְדִיג. בִּיסְלִיכְווַייז הָאט עֶר זִיךְ אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִינְטֶערֶעסִירֶען מִיט דֶעם וָואס דָא גֶעהְט הַיינְט פָאר, דִי קָאכֶעכַיי הָאט אִיהְם מִיטְגֶעשְׁלֶעפְּט אוּנ עֶר הָאט גָאר פַארְגֶעסֶען אָן לַאוְוִיאוּן. הַיינְט וֶועט זַיין אַ קְרִיזִיס, דָאס מִינִיסְטֶערִיוּם וֶועט פַאלְלֶען. עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג אִיז גֶעוֶוען דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער סְקַאנְדַאל מִיט פַּאנַאמַא, יֶעצְט אִיז אַ פְרִישֶׁער סְקַאנְדַאל. אֵיין פַּארְטַיי גֶעהְט אַרוּם מִיט אַ קְלַאפֶּענְדִיג הַארְץ, דִי אַנְדֶערֶע פַּארְטַיי שַׁארְפְּט שׁוֹין דִי צֶאהְן פַארְנֶעהְמֶען דִי בֶּעסְטֶע שְׁטֶעלְלֶעס פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג. יֶעדֶער הָאט נָאר אִין זִינֶען זִיךְ, זַיין אֵייגֶענֶעם נוּטְצֶען, נִיט דֶעם נוּטְצֶען פוּן פָאלְק, פַאר וֶועלְכֶען זֵיי הַאלְטֶען מִלְחָמָה אוּנ רַייסֶען זִיךְ אַרוּם ווִי דִי קֶעטְץ.

פְּיֶער הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז מַאסְסָא, דֶער „קְלֵיינֶער מַאסְסָא“, ווִי דֶער עוֹלָם רוּפְט אִיהְם, הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט נֶעבֶּען אִיהְם אוֹיף דֶער סָאפֶעקֶע. דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ מִיטְאַרְבֵּייטֶער אִין פָּאנְסֶעגְס רֶעדַאקְצְיֶע. מִיט אָנְגֶעשְׁטֶעלְלְטֶע אוֹיעֶרֶען אוּנ גֶעשַׁארְפְּטֶע אוֹיגֶען אִיז עֶר אַרוּמְגֶעלָאפֶען ווִי אַ גֶעשִׁיקְטֶער טְחוֹיר, זִיךְ צוּ אַלְלֶעס צוּגֶעהֶערְט אוּנ צוּגֶעקוּקְט, אַלְלֶעס בֶּעמֶערְקְט. הַיינְט אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אִין פַּארְלַאמֶענְט, ווָאוּ עֶר הָאט גֶעווָאוּסְט אַז ס'וֶועט זַיין אַ לֶיאַרְם, דֶערְוַוייל וֶועט עֶר הָאבֶּען שְׁטָאף צוּ שְׁרַייבֶּען אַ פַייֶערִיג אַרְטִיקֶעלֶע. דֶערְזֶעהְנְדִיג פְּיֶער'ן אִיז אִיהְם גֶעוָוארֶען אִינְטֶערֶעסַנְט צוּ ווִיסֶען, וָואס טְהוּט דֶער גַייסְטְלִיכֶער דָא, אוּנ דַארוּם הָאט עֶר זִיךְ גֶעזֶעצְט נֶעבֶּען אִיהְם.

— ווַארְט אַ קְלֵיין ווַיילֶע, הֶערְר גַייסְטְלִיכֶער — הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען לִיעבְּלִיךְ אוּנ פְרֶעהְלִיךְ, גְלַייךְ ווִי אִיהְם אִינְטֶערֶעסִירְט גָאר נִיט וָואס אִין זַאל טְהוּט זִיךְ — מַיין פְּרִינְצִיפַּאל בֶּעדַארְף בַּאלְד אָנְקוּמֶען. עֶר ווֵייס וָואס פַאר אַ קַאשֶׁע עֶס קָאכְט זִיךְ דָא... אִיהְר ווַייט אֶפְשַׁר פוּן דִיא קָארֶעזֶער אוֹיסְוֶואהְלֶער?

— ניין, ניין, איך בין א פאריזער און בין געקומען אהער, כטארען זיך פאר א אומגליקליכען מענשען, מען זאל איהם באלד אריינגעהמען אין פריוט פון אלטע ארבייטער.

— אהא! אויסגעצייכענט. איך בין אויך א פאריזער קינד.

מאמסא האט זיך פאנאנדער געלאכט. ער איז טאקי געוועזן א וואהרער פאריזער קינד, א אפאטהעקערס זוהן אין קווארטאל סען-דעני. געלערנט האט ער אין גימנאזיום אבער ניט געענדיגט דאס גאנצע למוד, איבער זיין פוילקייט. ביי'ם עקזאמען איז ער דורכגעפאללען און פון אכצעהנטען יאהר ארבייטעט ער אין צייטונגען, הגם ער איז א גאנץ ווייניגער קענער. שוין צוועלף יאהר באדט ער זיך אין שווארצען טינט-ים, אין דער צייטונגס-בלאטע פון רכילות און אינטריגען. ער האט שוין אללעס געזעהן, אללעס דורכגעמאכט, איהם איז שוין אלץ געווארען איבערדריסיג, פארמאוסט, ער האט פערלארען דעם גלויבען אין גרויסע לייט, ער זאגט אז ס'איז גאר ניטא קיין אמת אויף דער וועלט. און פון די מענשליכע שלעכטיקייט און נארישקייטען נעהמט ער זיך וועניג צום הארצען. עס פערשטעהט זיך אז אין דער ליטעראטור האט ער ניט געזוכט קיין כבוד, קיין בעריהמטען נאמען; ער האט זיך זאגאר בעריהמט דערמיט וואס די ליטעראטור איז איהם נמאס ומאוס. קיין נאר איז ער ניט געוועזן, האט געשריבען וואס איינער וויל און וואס איינער וויל, אהן פעסטע איבערצייגונגען, אהן גרינדליכע מיינונגען, די הויפט-זאכע איז נאר אז דאס פובליקום זאל זיך אינטערעסירען און הנאה האבען פון זיינע ארטיקלען.

— הייסט עס, איהר זיינט בעקאנט מיט מ ע ז ש ע ן, העררע גייסטליכער?

א יא, דאס איז א אינטערעסנער טיפ! א ערוואקסען קינד, א פאנטאזיסט איבערגעצויגען מיט א הויט פון א געפאהרליכען סאציאליסט. א, איך האב איהם גוט דורכשטודירט און קען איהם ווי מיינע פינף פינגער... ער איז ביי זיך זיכער, אז נאך אין א האלב יאהר וועט ער נעהמען אין זיין האנד די רעגירונג און מאכען א נייע געזעללשאפט, ניט ווי די היינטיגע, וואס בעשטעהט נאר אויפ'ן געלט, אויף קאפיטאל. ער איז פעסט ביי זיך, אז מיט זיין היינטיגער אנפראגע אין פארלאמענט וועט ער אומוואַרפען באררו'ס מיניסטעריום און דאדורך געשווינדער דערגרייכען זיין ציעל. — זיין סיסטעם איז: פערניכטען דעם שונא. שוין פיעל מאל האב איך געהערט ווי ער מאכט דעם חשבון: היינט וועט ער איינגעהמען איינעם, מארגען א תל מאכען פון אנדערען, כדי צום סוף זאל ער אליין הערשען, נעהמען די מאכט אין זיין האנד און שטאנדיג ברויכט עס נאך געדויערען א האלב יאהר, ניט מעהר... די גאנצע צרה איז נור, וואס שטאנדיג וואקסען אוים, ווי גריבעס, נייע פיינד, פרישע געגנער, און זיין אטשערעד וויל קיינמאל ניט אנקומען...

מאססא האט זיך צורעדט לוסטיג, פריי. מיט א שטיללערען קול האט ער ווייטער פ י ע ר'ן א פרעג געטהון:

— און מ א נ י ע'ן קענט איהר? ניין?... אלזא קוקט, אט דארט איז ער-

דער רויטער הערר מיט דעם ריקען, זקסינעם האלז, ווי ביי א קיילער. ער רעדט דארט מיט א גאנצען רעדעל פון אויסגעריבענע ראק.

פיער האט א בליק געטהון אין יענער זייט. סאניע האט געהאט א פאר גרויסע צושפרייטע אויערען, גראבע ליפפען, א גראבע נאז און גרויסע, פערלאפענע, צרויסגעסטארטשעטע אויגען.

— דעם קען איך אויך זאגען, אז איך האב איהם גוט קעננען־געלערנט. איך האב געארבייט אין זיין „פאלקס שטימע" עהדער איך בין אנגעקומען צו פאנסענג אין דער רעדאקציע פון „גלאב"... קיינער ווייסט ניט גענוי פון וואנען איז ער אהער אריינגעפאללען. א לאנגע צייט האט ער זיך ארומגעוואלגערט אין פערשיעדענע נארעס פון די קליינע צייטונגען, געשריבען אין זורנאלען אהן א שום בעזונדער טאלאנט. ער איז אבער געווען א שרעקליכער רודף נאך כבוד און נייציג נאך געלט, א ניט פערגינער. אפשר געדענקט איהר זיין ערשטען ארויספאהר, זיין ערשטען הויכען שאס: דאס אומריין זוערקיל וועגען דעם נייעם לורדוויג דעם זיעבצעהנטען. דאס עסק איז איהם ניט געראטען, ער איז אבער דאדורך געווארען בעקאנט פאר א פייערינען ראיאליסט *). נאכדעם האט ער געהאט א העזה, זיך אנצונעהמען פאר'ן פאלק און ארויספאהרען מיט סאציאליזמוס צוזאממענגעפרעגילט מיט רעליגיע און פאנאטיזמוס, איז אנגעפאללען אויף די פריידענקער און דער רעפובליק, גענוממען אויסווייזען די חטאים פון אונזער צייט, אנגעטהון א פרומע מאסקע, גלייך ער וויל די גאנצע וועלט מאכען גוט און פרום. דאס ערשטע האט ער ארויסגעגעבען א בע־שרייבונג פון פינאנסיסטען, שילדערונגען פון רייכע לייט — איהר געפינט דארט די שאנדליכסטע רכילות'ן, בלבולים, אויסגעטראכטע זאכען, פאר וועלכע איהם האט איינענטליך געקומט געהן פאר סוד און חאפען א שווארצען פסק. די גאנצע פאבקודסטווא האט ער ארויסגעגעבען אין א בעזונדער בוך, וואס האט געמאכט א גרויס געראדער. מען האט דאס שמוץ צוחאפט און געלעקט פון דעם די פינגער. דאס האט איהם צוגעגעבען מוטה, און ער טהוט נאך עד היום דאס זעלביגע, ווארפט קויטה און בלאטע אויף אללעמען אין דער „פאלקס שטימע" — א צייטונג וואס ער האט אנגעהויבען ארויסגעבען אין דער צייט פון פאנאמא סקאנדאל, פול מסירות און נידערטראכטיגקייט. יעצט איז די צייטונג געווארען א וואהרער מיסט־קאסטען, א גרוב פון אללע פאמעני[illegible], [illegible] בעגיסט אללעמען מיט די שמוציגסטע זידלערייען, און אז דער קוואל ווערט אויסגעטריקענט טראכט ער אויס נייעס, בעשאפפט פרישע ליגענס, אבי נאר מאכען א רעש און אנפיללען די טאשען...

דער קליינער מאססא האט אזוי אפגעשילדערט סאניען פון קאפ ביז די פים און דערביי געווען גאנץ קאלטבליטיג, געשמייכעלט און ניט ארויסגעוויזען דעם מינדסטען כעס, ווייל אין דער וויקליכקייט האט ער געשאצט אזא קראפט [illegible]

*) ראיאליסט הייסט דער וואס פערלאנגט אז אין פראנקרייך זאל רעגירען א קייזער.

סאניע און געהאט דרך ארץ פאר אזא שטארקען זורנאליסט.

— א, דאס איז א אמת׳ר גזלן און דאך א האוואטסקער יונג. איהר קענט איך גאר ניט פארשטעללען וואס פאר א מין בריהמער, וואס פאר א בעל־גאוה׳ניק דאס איז! ערשט ניט לאנג האט ער אזוי געמאכט, אז דאס פעבעל האט איהם געשריען „הורראַ!" און ער שפיעלט די ראָלע פון א קיסר איבער׳ן מארק. גיכליכוויז הייבט ער אן אליין אויך צו גלויבען, אז ער איז בעשטימט געוואָרען צו זיין א ריכטער, און ער מיינט ווירקליך אז ער ראטעוועט דאס פאלק. איך בעוואונדער נאר זיין בריהשקייט אויסצוטראכטען נייע מסירות און סקאנדאלען. יעדען טאג גראבט ער ארויס עפעס א נייע פאסקודסטווא, געפינט נייע שולדיגע און ווארפט זיי דעם פעבעל, קיינמאל ווערט ביי איהם ניט אויסגעטריקענט דער בלאטיגער שטינקע־דיגער שטראם. עס קומען אימער צו אהין פרישע שמוץ... קוים בעמערקט ער אז דעם פובליקום ווערט דערעססען די אלטע זאכען, שיסט ער אויס מיט א נייע באמבע. אט אין דעם שטעקט זיין גאנץ בריהשקייט, זיין ספריט. ער ווייסט אז מען וועט חאפען קויפען זיין בלאטט, ער ברויך נאר עפעס אויסטראכען א פרישע מסירה, א נייעם סקאנדאל, ווי למשל היינט, וואו ער סטראשעט אפדרוקען די נאמען פון אללע איבערגעקויפטע דעפוטאטען און סענאטארען —.

פיער האט מיט גרויס אינטערעס אויסגעהערט מאססא׳ס פראהליכע, שפאטישע רייד און אנגעהויבען פארשטיין פיעל זאכען וואס ביז יעצט האט ער זיי ניט פערשטאנען. ער האט גענומען פאנאנדערפרעגען מאססא׳ן איינינע זאכען, ווי למשל: פאר וואס זיינען אזוי פיעל דעפוטאטען דרויסען אין די קארידארען בשעת אינווענדיג אין פארלאמענט, האט זיך דאך שוין אנגעהויבען די זיצונג... נאר אומשטיינסגעזאגט אלץ הייסט א זיצונג! מען זאל אפילו דארט רעדען יעצט פון די וויכטיגסטע פראגען, וואס בעריהרען דאס גאנצע פאלק, וואלטען אויך די דעפוטאטען ניט געקאנט איינזיצען אויף זייערע ערטער און וואלטען צולאפען, פאר שרעק פון דער פראגע וועגען די אפריקאנישע אייזענבאהנען, דורך וועלכע דאס מיניסטעריום קען אראפפליהען היינט פון באנקיל! ביי איינע קלאפט דאס הארץ טאמער וועלען זיי מוזען אפטרעטען, און די אנדערע שארפען שוין די צאהן אויף גוטע שטעללעס... אז מען שערט די שאף ציטטער׳ן די לעמער...

מאססא האט איהם ווייטער אנגעוויזען אויף דעם מיניסטער באררו און נאך איינינע מיניסטארען און דעפוטאטען און האט זיי אללע אפגעשילדערט

— דאס מאל קען אפשר זיין — האט מאססא ווייטער גערעדט — אז סאניע האט ניט געזאגט קיין ליגען. אפשר געפינט זיך טאקי ביי איהם א צעטטעל מיט די נאמען פון די לייט וואס גינטער האט זיי געגעבען לאפקע... איך ווייס גאנץ בעשטימט אז דער באראן דיוויליאר האט זיך בענוצט מיט גינטער׳ן, ער זאל איבערקויפען דעפוטאטען, זיי זאללען מיטשטימען צו די אפריקאנישע אייזענבאהנען מיט די אקציעס. מען דארף אבער וויסען ווי קינציג, ווי לאוקע, ווי דעליקאט

גִינְטֶער הָאט דָאס גֶעמַאכְט! עֶר אִיז נִיט גֶעקוּמֶען. אוּנ גֶעזָאגְט פְּרָאסְט: נַא דִיר חַאבַאר. פַּארְקוּיף מִיר דַיין יוֹשֶׁר. מֶען דַארְף זַיין סַאנְיֶע אַז מֶען זָאל גְלֵיבֶּען דָאס פַּארְלַאמֶענְט אִיז אַ אָפְּפֶּענֶער מַארְק וואוּ יֶעדֶער פַּארְקוֹיפְט זַיין סָאוֶועסְט, זַיין רֵיינֶעם גֶעוִויסֶען, דֶעם וָואס וֶועט גֶעבֶּען מֶעהר גֶעלְט. חָלִילָה וְחַס! דָאס עֵסֶק אִיז גֶעוָוארֶען אָבְּגֶעמַאכְט גָאר אַנְדֶערְשׁ, מַייסְטֶערְהַאפְט, אַייְדֶעל. דִי אִיבֶּערְגֶעקוֹיפְטֶע הָאבֶּען גָאר אַלֵיין נִיט בֶּעמֶערְקְט וִוי אַזוֹי זֵיי זַיינֶען אַרַיין אִין דֶער בְּלָאטֶע. סַאנְיֶע'ס אַרְטִיקֶעל בֶּערִיהְרְט בֶּעזוּנְדֶערְס צְוֵויי מִינִיסְטָארֶען: בַּארְרוּ, וָואס דַאמָאלְס אִיז עֶר גֶעוֶוען אִינְנֶערְלִיכֶער מִינִיסְטֶער, אוּנ מַאנְפֶּערְרַאן, וָואס הָאט דַאמָאלְס גֶעהַאט צוּ שַׁאפֶען אִיבֶּער אַלֶע קְהָלִישֶׁע גֶעבֶּיידֶען, אַייזֶענְבַּאהנֶען, פֶּעסְטוּנְגֶען א. ד. ג. פַאר בַּארְרוּ קֶען אִיךְ שְׁוֶוערֶען אַז עֶר הָאט קֵיין גְרָאשֶׁען נִיט גֶענוּמֶען, עֶר אִיז דֶער אָרְדֶענְטְלִיכְסְטֶער מֶענְשׁ; וָואס אַנְבֶּעלַאנְגְט מַאנְפֶּערְרַאן אִיז שׁוֹין אַנ'אַנְדֶער גֶעשֶׁעפְט, עֶר הָאט טַאקִי אֶפְשַׁר עֶפֶּעס אַרַיינְגֶעחַאפְּט... אִיךְ גְלוֹיבּ אָבֶּער נִיט, עֶר זָאל אַרַיינְפַאלֶען. עֶר אִיז גָאר נִיט אַזַא נַארר אַרוֹיסְגֶעבֶּען אַ קַבָּלָה וֶוען עֶר נֶעהְמְט גֶעלְט.

מַאסְסָא הָאט פְּיֶער'ן וַייטֶער אָנְגֶעוִויזֶען אוֹיף דוּטִיל, וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צְוִוישֶׁען דֶעם רֶעדֶעל מֶענְשֶׁען אַרוּם דִי צְוֵויי מִינִיסְטָארֶען, אַ אוֹיפְגֶערֶעגְטֶער, אַ צוּטְרָאגֶענֶער, אָבֶּער מִיט אַ שְׁמֵייכֶעלֶע אוֹיפְ'ן פָּנִים.

— קוּקְט נָאר אָן יֶענֶעם יוּנְגֶען מַאנְן, דֶעם שֶׁאנֶעם בְּרוּנֶעט מִיט דֶעם עֶלֶעגַאנְטֶען בָּארְד...

— אִיךְ קֶענְן אִיהְם — הָאט פְּיֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— אַזוֹי? אִיהְר קֶענְנְט דוּטִיל'ן? אָט דֶער הָאט גֶעוִויס גֶעחַאפְּט לַאפֶּקֶע. אָבֶּער דָאס אִיז דָאךְ אַ פְרַייֶער פוֹיגֶעל. גֶעקוּמֶען אִיז עֶר אַהֶער פוּן אַנְגוּלֶעם אוּנ פִיהְרְט דָא אַ פְרֶעהְלִיךְ לֶעבֶּען. סָאוֶועסְט הָאט עֶר אִין זִיךְ נִיט מֶעהר פוּן אַ קְלֵיין וָוארָאבֵּייטְשִׁיקְ'ל וָואס אִיז שְׁטֶענְדִיג פַארְלִיעבְּט... פַאר אִיהְם אִיז גִינְטֶערְס גֶעלְט וִוי פוּן הִימֶעל אַרָאפְּגֶעפַאלֶען; עֶר הָאט גָאר נִיט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְרַאכְטֶען אַז מִיט דֶעם פַארְשְׁמוּצְטֶען הָאנְד. אִיהְר מֶעגְט זַיין זִיכֶער אַז עֶר וואוּנְדֶערְט זִיךְ יֶעצְט וֶועהְר וָואס מֶען מַאכְט גָאר אַ וֶועזֶען פוּן אַזַא קְלֵיינִיגְקֵייט...

נֶעבֶּען דוּטִיל אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ נ'אַנְדֶער דֶעפּוּטַאט, אַ מַאנְן פוּן אַ יָאהְר פוּפְצִיג, דָאס אוֹיסְזֶעהְן אוּמְרַיין, טְרוֹיעֶרִיג, פַאר מָרָה־שְׁחוֹרָה'ט, הוֹיךְ וִוי אַ דְרָאנְג, אַ בִּיסְסֶעל אַיינְגֶעהוֹיקֶערְט, גְלַייךְ וִוי דָער לַאנְגֶער קָאפּ, וָואס אִיז אֶהְנְלִיךְ צוּ אַ פֶערְדִישֶׁען קָאפּ, וָואלְט אִיהְם אַרָאפְּגֶעבּוֹיגֶען. זַיינֶע גֶעלְבְּלִיכֶע, שִׁיטֶערֶע, פְלַאכֶע הָאר. דִי אַרָאבְּגֶעלָאזְטֶע וָואנְסֶען, דָאס גַאנְצֶע צוּנָאסְסֶען אוֹיסְגֶעמוּטְשֶׁעט פָּנִים הָאט גֶעוִויזֶען אוֹיף גְרוֹיס נוֹיטָה אוּנ דַחְקוּת.

— אוּנ מִיט שַׁאנְיָא זַייט אִיהְר בֶּעקַאנְנְט? נֵיין?... בֶּעטְרַאכְט אִיהְם נָאר אוּנ זָאגְט אוֹיבּ ס'אִיז גָאר מֶעגְלִיךְ אַז אַזֶעלְכֶער זָאל נִיט וֶועלֶען עֶפֶּעס אַרַיינְחַאפֶּען? עֶר אִיז דֶעפּוּטַאט פוּן אַרַאס. דָארְט אִיז עֶר גֶעוֶוען אַ אַדְוָואקַאט. וֶוען זַיין קַאנְט הָאט

איהם אויסגעקליבען פאר א דעפוטאט אונ ער איז געקומען אין פאריז, איז ער ווי שכור געוואָרען פון דער פאָליטיק, האט אַללעס פערקויפט אונ זיך דא בעזעצט מיט דער פרוי אונ דריי טאכטער. שטעלט אייך פאר זיין לאנגע צוויישען די פיער אונגערע בארמיגע נקבות, וואס זיינען שטענדיג בעשעפטיגט מיט קליידליך, וויזיטען, ארומ־לויפען נאך חתנים וואס לאזען זיך ניט חאפען. פאר איהם איז עס א וואהרער אומגליק. ער האט געגלויבט אז ווערענדיג א דעפוטאט וועט זיין לאגע בעססער ווערען, לסוף איז נאך ערגער, ער ווערט דערטרונקען אין די חוואליעם פון פאריז. היינט ווי אזוי פערלאנגט איהר, שאניא זאל ניט וועלען ארייננחאפען, אז ער האט קיינמאל ניט א גראשען ביי דער נשמה? עס קען מעגליך זיין, אז פון נאטור איז ער א גאנץ ארענטליכער מענש, אבער די נויט האט איהם געבראכט דאצו ער זאל ווערען אומארענטליך.

וואס ווייטער האט מאסקא זיך אלץ מעהר צורעדט אונ געשילדערט איין דעפוטאט נאך דעם אנדערען, געמאלט זייערע פארטרעטען, וואס ער האט געהאט בדעה ארויסגעבען אין א בעזונדער ווערק מיט דעם נאמען „פערקויפטע דעפוטאטען". איינע זיינען תמוואטע, נאראנים, די אנדערע געלטפרעססער, גייציג אויף כבוד, די דריטטע גלאט אהן חאראקטער, אהן סאוועסט, אהן יושר, די פיערטע דורכגע־טריבענע יונגען, געשעפטליך־מאכער. ער האט אבער מודה געווען אז זיי זיינען ניט פיעל דא, אונ אזאלכע קרעציגע שאפסען געפינט מען אין אללע פארלאמענטען... נאר איין סאנגע קען פערשטעללען אונזער פארלאמענט פאר א נארע פון סאמע רוצחים, גזלנים.

אין זאל איז פלוצלינג געווארען א מהומה, מען האט אנגעהויבען שרייען אז מעזש איז שוין ארויף אויף דער בימה אין פארלאמענט, פרעגען מכח די איבער־געקויפטע דעפוטאטען. דער עולם האט זיך א שיטט געגעבען פון זאל, אללע דעפוטאטען זיינען געלאפען צו זייערע ארטער. אין זאל זיינען געבליעבען נור איי־ניגע צייטונגס־שרייבער אונ נייגיעריגע.

— מיך וואונדערט — האט מאסקא בעמערקט — וואס פאנסעג איז נאך ביז יעצט ניט געקומען... דאכט זיך, איהם בעדארף אינטערעססירען וואס דא געהט פאר. ער איז אבער געגעבער חיטרע אונ געוויסס האט ער א אורזאכע, ווען ער טהוט ניט ווי אללע טהוען. איהר קענט איהם?

— ניין.

— דאס הייסט א קלוגער קאפ! א כח! איך רייד גאנץ אונפארטייאיש. איך בין ניט געוואהנט חנפה'נען. אפילו מיינע איינענע בעלי־בתים זיינען ביי מיר אין די אויגען די זעלבע וואַרפענדיגע ליאלקעס; נאר זיי האב איך נאך בעססער דורכ־שטודירט ווי די אנדערע, אונ האב ליעב א מאל איבערקעהרען אויף דער לינקער זייט... פאנסעג איז אויך גאנץ דייטליך דערמאנט אין סאנגעס ארטיקעל.

אַז עֶר הָאט גֶעחַאפְּט אַ פּוֹתִיקִי אִיז בַּי מִיר קֵיין שׁוּם סָפֵק נִיט; עֶר לָאזְט נִיט אַדוּרְךְ קֵיין אֵיינְצִינְגֶען צוּפַאלל אָפְּלֶעקֶען דִי סְמֶעטֶענֶע, בִּפְרַט בַּיי דִיזווילְיַאר אִיז עֶר דָאךְ אַ שְׁטֶאנְדִיגֶער קְלִיֶענְט. עֶר מַאכְט דָאס אָבֶּער שֶׁאן אוּנ קַאלֶעבְּרִינג, עֶר גֶעהְמְט גַאנְץ אֶפְּפֶענְטְלִיךְ. פַאר רֶעקְלַאמֶעס, פַאר אַנָאנְסֶען (מוֹדָעוֹת) אוּנ דֶעסְגְלַייכֶען, אַלְץ אוֹיפְ'ן כָּשֵׁר'ן דֶרֶךְ... אוֹיב עֶר אִיז הַיינְט אִין דֶער פְּרִיה ווירְקְלִיךְ גֶעוֶוען אוּמְרוּהִיג אוּנ יֶעצְט וִויל עֶר עֶקְסְטְרַא אַהֶער נִיט קוּמֶען אִיז דַאס זַיין עֶרְשְׁטֶע נַארִישְׁקֵייט אִין גַאנְצֶען לֶעבֶּען.

מַאסְקָא הָאט גֶענוּמֶען עֶרְצֶעהְלֶען פֶיעֶר'ן אַלֶעם וָואס בַּיי פָּאנְסֶענג אוּנְטֶער'ן גַאנְגֶעל טְהוּט זִיךְ. עֶר שְׁטַאמְמְט אוֹיךְ פוּן קָארֶעזַא. מִיט דֶעם מִינִיסְטֶער מַאנְפֶּערְרַאן הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין גַאנְץ לַאנְג צוּקְרִיעגְט אוּנ זַיינֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן דָם-שׂוֹנְאִים. פַאר וָואס? ווייס קֵיינֶער נִישְׁט. אִין דֶער הֵיים אִיז עֶר גֶעוֶוען אַ אַדְוָואקַאט אוּנ קוּמֶענְדִיג אִין פַּארִיז הָאט עֶר זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען, עֶר מוּז וֶוערֶען בֶּערִיהְמְט אוּנ מַאכֶען אַ פֶּערְמֶאגֶען. אוּנ הָאט דָאס טַאקִי אוֹיסְגֶעפִיהְרְט מִיט דֶער גְרוֹיסֶער פְּרִיה-מָארְגֶען צַייטוּנְג „גְלָאבּ", וָואס עֶר גִיט אַרוֹיס אוּנ אִיז דֶער הוֹיפְּט-רֶעדַאקְטָאר; יֶעצְט וָואהְנְט עֶר אִין אַ נ'אֵיינֶעם גְרָאסְקַארְטִיגֶען פַּאלַאץ אִין בּוּלָאנֶער וַואלְד אוּנ ס'אִיז נִיטָא קֵיין אֵיין גְרוֹיס גֶעשֶׁעפְט, וָואס עֶר זָאל פוּן אִיהְם נִיט אַרָאפְּ-חַאפֶּען פַאר זִיךְ דֶעם גְרֶעסְטֶען בֶּעסְטֶען חֵלֶק. עֶר אִיז אַ גֶענִיַאלֶער גֶעשֶׁעפְטְס-מַאנְן, אוּנ בֶּענוּצְט זַיין צַייטוּנְג, רֶעגִירֶען דוּרְךְ אִיהְר אִין גֶעלְט-מַארְק. אָבֶּער ווִיפִיעל אַרְבֵּייט ווִיפִיעל גֶעדוּלְד הָאט דָאס גֶעמוּזְט אִיהְם קָאסְטֶען, עֶהְרֶער עֶר הָאט בֶּעקוּמְמֶען אַ נָאמֶען פַאר אַ עֶרֶענְסְטֶען, טִיכְטִיגֶען מֶענְשֶׁען, וָואס פִיהְרְט אַנְשְׁטֶאנְדִיג דִי גְרָאסְטֶע ווִיכְטִיגְסְטֶע צַייטוּנְג. אַלֵיין גְלוֹיבְּט עֶר נִיט אִין קֵיינֶעם, נִיט אִין גָאט נִיט אִין טַייוֶועל, אוּנ דָאךְ הָאט עֶר אוֹיסְגֶעאַרְבֵּייט זַיין צַייטוּנְג, זִי זָאל זַיין אַ בֶּעשִׁיצֶערִין פוּן אָרְדְנוּנְג, פַאמִילְיֶען-לֶעבֶּען, גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, רֶעלִיגְיֶע אוּנ פָּאלְקְס-רֶעגִירוּנְג. עֶר וֶוערְט גֶעשֶׁאצְט אוּנ גֶעאַכְט אוּנ קְרִיכְט גַאנְץ אָפְּפֶען צוּ זַיינֶע קְלִיֶענְטֶען אִין טַאשׁ אַרַיין... בֶּענוּצְט זַייעֶר גֶעלְט גְלַייךְ דָאס וָואלְט גֶעוֶוען זַיין אֵייגֶענְס...

— אָט זֶעהֶען זִי, הֶערר נַייסְטֶעלִיבֶּער, וָואס פַאר אַ כֹּחַ דִי צַייטוּנְגֶען הָאבֶּען. גֶעהְמְט דִי צְוַויי: סַאנְיֶע אוּנ פָאנְסֶעג, פֶערְגְלַייכְט זֵיי. אֵיינֶענְטְלִיךְ אִיז דָאס אַ גְלַייכֶע פָּאר שְׁטִיפְפֶּעל, זֵיי הָאבֶּען דָאס אֵיינֶענֶע וֶוערְקְצֵייג אִין דֶער הַאנְט. דִי פַּארְטְלֶען אָבֶּער, דִי מִיטְטֶעל אוּנ דִי רֶעזוּלְטַאטֶען זַיינֶען גָאר אַנְדֶערְשׁ. סַאנְיֶעס צַייטוּנְג אִיז מְחִילָה אַ וַואהְרֶער אָפְּטְרֶעט, אִין וֶועלְכֶען עֶר אַלֵיין פַאלְט בִּימְלִיכְוַויז אַרַיין, וֶועהְרֶענְד דֶעם אַנְדֶערֶענְס צַייטוּנְג אִיז פַיין, דָאס בֶּעסְטֶע בְּלַאט — אַ לִיטֶערַארִישֶׁער זוּרְנַאל, פוּן וֶועלְכֶען דָאס פּוּבְּלִיקוּם אִיז צוּפְרִיעדֶען אוּנ דֶער אַרוֹיסְגֶעבֶּער הָאט עֶהְרֶע. ס'אִיז אַ כָּבוֹד צוּ אַרְבֵּייטֶען אִין אַזַא בְּלַאט. אִין אֱמֶת'ן אָבֶּער זַיינֶען זֵיי אַזוֹי גְלַייךְ אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען, ווִי אֵיין מַאמֶע וָואלְט זֵיי גֶעבּוֹירֶען.

מַאסְקָא הָאט זִיךְ צוּלַאכְט אוּנ הֲנָאָה גֶעהַאט פוּן זַיין אֵיינֶענֶעם שַׁארְפְזִינְן.

אר פלוצלינג האט ער א זאג געטהון שטיל :

— שא , אט איז פאנסעג !

און לוסטיג , ווי זיין שטייגער , האט ער פארגעשטעללט פיער'ן פאר זיין רינציפאל .

— מיין ליעבער פרינציפאל , ערלויבט אייך בעקענענען : העהר גייסטליכער ר אמאן . ער וואַרט אויף אייך שוין גוטע צוואנציג מינוט . איך וועל געהן בליק געבען וואס דארט טהוט זיך אינוועניג . איהר ווייסט אז מעזש האט ארגעלעגט א פראגע .

פאנסעג האט א קליינעם ציטטער געטהון .

— א ! היינט איז א אנפראגע . . . שאן , שאן , איך געה באלד .

דערוייל האט פיער זיך צוגעקוקט צו איהם . דאס איז געווען א קליין ענשעלע פון א יאהר פונפציג , מאגער און ריהרעוודיג , פריש , דער בארד נאך אנץ שווארץ . די אויגען בלישצען , דאס מויל איז פארדעקט מיט געדיכטע מורא'דיגע וואנסען , און דאך האט ער אויסגעזעהן פאר א גוט מענשעל , זיין קלוגי שאפט איז געלעגען אויפ'ן גאנצען געזיכט , פון דעם שטערן ביז דעם שפיציגען נאזיל , וואס האט ליעב געהאט אומעטום א שמעק טהון ווי א יאגד-הונד .

פיער האט אין קורצע ווערטער איהם ערקלערט זיין בקשה , ערצאהלט פון זיין בעזוך אין דער פריה ביי לאוויזאוו , געשילדערט מיט הערצרייסענדע ווערטער אללע איינצעלהייטען און געבעטען , מען זאל באלד דעם אומגליקליכען אריינגעהמען אין פריוט .

— לאוויזאזו ?. . . האט מען דען נאך ניט גערעדט וועגען איהם ? דוטיל'ן האט מען איבערגעגעבען , ער זאל חוקר ודורש זיין און ער האט געבראכט אזאלכע ידיעות , אז מיר האבען איהם ניט געקאנט אריינגעהמען .

דער גייסטליכער האט ניט געוואלט נאכגעבען .

— איך פערזיכער אייך , ווען איהר זאלט איהם זעלבסט זעהען , וואלט איהר געוויס געהאט מיטלייד מיט אזא אומגליקליכען . עס איז א נ'עבירה לאזען דעם אלטען אפילו איין איבריגע שעה אין אזא שרעקליכען צושטאנד . ער מוז נאך היינט נאכטיגען אין פריוט .

— א ! היינט איז געוויס ניט מאגליך , בפירוש אונמאגליך . עס געהט ניט אזוי געשווינד , ס'מוז זיין לויט געשטעללטע ארדנונג . אויסערדעם קען איך אליין ניט מאכטיגען זיך צו אזא זאך . איך האב ניט די ערלויבניש . איך בין נאר דער אדמיניסטראטאר און טהו נאר וואס דאס דאמען-קאמיטעט הייסט מיר טהון .

— אבער די באראנעססע דיוויליאר האט מיך געשיקט צו אייך און פערזיכערט , אז נאר איהר אליין קאננט אריינגעהמען באלד איינעם , ווען מען ברויכט זעהר נאטהיג .

— אהא , דאס האט אייך די באראנעססע געשיקט ! דאס פאסט טאקי פאר

איהר. אַלײן װעט זי קײן זאַך ניט בּעשׂטימען, איהר רוה איז בּײ איהר שׁטאַרק מהײער, זי װיל ניט נעהמען אויף זיך די מינדסטע פּעראַנטװאָרטליכקײט. אָבער פאר װאָס פערלאַנגט זי אַז איך זאָל האָבען צרות? נײן, הערר נײסטליכער, פאר קײן פּרײז װעל איך ניט טהון געגען אונזער „אוסטאוו". די אַללע דאַמען זאָללען זיך מיט מיר צוקריגען. איהר קענגט זײ ניט; בּײ אַ זיצונג װערען זײ װילד און קאָננען אײנעם צורײסען...

ער האָט געשׁפּאַסט, געזוכט תּרוצים, װעהרענד אין האַרצען האָט ער גלײך בּײם אָנפאַנג פעסט בּעשׁלאָסען, פאַר קײן פאלל ניט טהון פּיערם בּקשה. פּלוצלינג איז אַרײנגעפלױגען דוטיל, װעלכער איז געלאָפען צונױפקלײבען פון די קאַרידאָרען אַללע דעפּוטאַטען, װאָס זײ איז נוגע די געשׁיכטע מיט די אײזענבאַהנען.

– װאָס טהוט איהר דאָ, פּאַנסעג? געהט, נעהם געשׁװינדער אויף אַײער פּלאַטץ. די זאַך איז זעהר װיכטיג.

און ער איז פאַרשׁװוּנדען געװאָרען. דער דעפּוטאַט אָבער האָט זיך ניט בּעאײלט, גלײך װי דער שׁמוציגער עסק, װאָס האָט אױפגערודערט דעם גאַנצען פּאַרלאַמענט, האָט קײן שום שײכות ניט מיט איהם. ער האָט װײטער געשׁמײכעלט, נור די בּרעמען האָבען נערװעז געצימטערט.

– פערצײהעט מיר, הערר גײסטליכער. איהר זעהט, מײנע גוטע פרײנד רופען מיך. איך זאָג אײך נאָך אַמאָל: איך קען דאָ גאָר ניט העלפען.

פּיער אָבער האָט נאָך אַלץ ניט געװאָלט גלױבען אַז דאָס איז שוין די לעצטע תּשובה.

– נײן, נײן, געהט אײך צו אײערע געשעפטען און איך װעל דאָ אויפװאַרטען. זאָגט ניט בּעשׂטימט עהדער איהר האָט גוט איבּערלעגט. איהר אײלט זיך יעצט; איך פיהל אַז איהר קאָננט מיר ניט אויסהערען אױפמערקזאַם. שׁפּעטער, װען איהר װעט צוריקקומען און מיך גוט אויסהערען, בּין איך זיכער אַז איהר װעט טהון מײן בּקשה.

און הנם אַװעקגעהענדיג האָט פּאַנסעג איהם נאָך אַמאָל געזאָגט אַז ער קען איהם גאָר ניט העלפען, איז פּיער פאָרט געבּליעבען בּײ דאָס זײניגע: ער האָט זיך געזעצט אויף דער סאָפּקע און געװען בּערײט צו זיטצען חאָטש בּיז נאַכט. די זאַל „פערלאָרענע טריט" איז יעצט געװאָרען פּוסט און אויסגעװיזען נאָך מעהר דונקעל און קאַלט מיט איהרע בּראָנזענע סטאַטועס, מיט איהרע נאַקעטע װאַנד װי די װאַנד פון אַ װאַגזאַל. פון דעם שטורם, װאָס איז יעצט פאַרגעקומען אינװענדיג אין פּאַרלאַמענט, האָט מען דאָ ניט געהערט אפילו דאָס מינדסטע. אין זאַל איז געװען שטיל װי אין אַ קבר, אומעדיג. און פּיער האָט זיך איבּערגעגעבּען אין גאַנצען זײנע אומעדיגע געדאַנקען. ער האָט אָנגעהױבּען בּעטראַכטען װי אַללעס איז פערדאָרבּען, יעדער מײנט נור זײן אײגענע טובה, זוכט מיט אַללע מיטלען דעם צװײטען דערדריקען, דערשׁטיקען און אַלײן זײן פון אויבּען. װאָס טהוט זיך

יעצט דא אין פארלאמענט ? האט אימיצער אין זינן דאס פאלק? מען האלט מלחמה נור ווער עס זאל רעגירען אונ צונעהמען פאר זיך דאס בעסטע, דאס פעטסטע. די לינקע פארטיי, די רעכטע, די קאטאליקען, די רעפובליקאנער, די סאציאליסטען — אללע צוואנציג פערשיעדענע פארטייען פון פארלאמענט וואס וויללען זיי ? נור הערשען, אריינגעהמען פראנקרייך אין זייערע האנט אונ צוטהיילען צווישען זיך די בעסטע שטעללען, אללדעס גוטס. נאר עגאיזמוס ברענט דא, יעדער מיינט נאר זיין אייגענעם נוצען.

ביט וויללענדיג איז פ י ע ר'ן ארויף אויף די געדאנקען ל א ו י א ו ו, אן עלכען ער האט א ווייל פערגעסען. אך, וואס איז דעם אלטען אומגליקליכען וואס געהט-אויס פאר הונגער אויף דעם הויפען שמאטעס — וואס איז איהם פאר א נפקא-מינה אויב ב א ר ר ו ס מיניסטעריום וועט היינט ברעכען דעם קארק אונ עס וועט ווערען א נייער מיניסטעריום אונ ו י נ י א ן וועט שוין זיצען אויבענאן ? דא רייסען זיך ארום די פארטייעס ווי קאץ אין זאק אונ דארט קרעכצען דערווייל אין די קעללערס אונ אויף די פאציאטעס הונדערטער אונ טויזענדער ארימע, אויס-געהארעוועטע, אויסגעמוטשעטע וואס פאללען פון די פיס. יענע געהען אויס פאר הונגער, ליידען די שרעקליכסטע נויט, וועהרענד דא אין פארלאמענט זיצען די דעפוטאטען אונ הרגענען זיך ; ווער עס זאל ארייננחאפען דאס פאלק אונ עס מעלקען, עקספלאאטירען, אויפפרעססען.

פ י ע ר האט ניט געוואוסט ווי לאנג איז ער אזוי געזעססען פארטיעפט אין זיינע ביטערע געדאנקען ; דערווייל איז די זאל צוריק אויפגעלעבט געווארען, עס האט ווייטער אנגעהויבען קאכען. די דעפוטאטען האבען זיך אנגעהויבען שיטטען, ווערען רעדליך, אונ טענה'ן, לאכען, שרייען, דיספוטירען. דער קליינער מ א ס ס א האט ניט ווייט פון פ י ע ר'ן אויסגעשריען :

— ער שטעהט נאך אויף די פיס, אבער שוין ניט אויף לאנג. קיין גראשען וואלט איך פאר איהם ניט געגעבען.

געמיינט האט ער דאס מיניסטעריום, אונ באלד אנגעהויבען ערצאהלען זיינעם א קאלעגען, ווי אזוי די זיצונג אין פארלאמענט איז צוגעגאנגען. מ ע ז ש האט געהאלטען א פארטרעפפליכע רעדע, געשיטט פייער אויף די רייכע וואס זיינען פארפוילט אונ פערדארבען ביז צום ביין. נור ווי געוועהנליך האט מעזש איבערגע-חאפט די מאס, אזוי אז דאס גאנצע פארלאמענט איז ערשראקען געווארען הערענדיג זיינע שרעקליכע רייד, אונ אז דער מיניסטער ב א ר ר ו איז נאכדעם ארויף אויף דער בימה אונ געבעטען דעם עולם, אפלעגען די זאך אויף איין חדש, האט מען איהם באלד נאכגעגעבען. דער מיניסטער האט זיך שטארק בעקלאגט אויף די אינטריגעס פון מאנכע צייטונגען. „וויל מען אויפריהרען די אלטע בלאטע פון פאנאמא'ער עסק ? וועלען זיך די פארשטעהער פון גאנצען פאלק, די דעפוטאטען, לאזען איבערשרעקען פאר דעם סקאנדאל מיט נייע מסירות ? די שונאים פון דער

רֶעפּוּבְּלִיק ווילְלֶען זֵי דֶערְטְרִינְקֶען אִין שְׁטְרָאם פוּן רְכִילוּת מִיט בִּלְבּוּלִים ; נַיי. יֶעצְט דַארְפֶען אַלְלֶע שְׁטֶעהְן פֶעסְט , אָנְהוֹיבֶּען אַרְבֵּייטֶען רוּהִיג אוּנ גֶעלַאסְסֶען , נִיט דֶערְלָאזֶען דִי סְקַאנְדַאלִיסְטֶען צוּשְׁטֶארֶען דֶעם שָׁלוֹם אִין לַאנְד״ . אַזוֹי הָאט דֶער מִינִיסְטֶער גֶערֶעדְט , אוּנ דָאס אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶענֶע פַּארְלַאמֶענְט , וָואס הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַז סוֹף כָּל סוֹף זָאל דֶעם לַאנְד נִיט נִמְאָס וֶוערֶען צוּוֶעהֶענְדִיג אַזוֹי פִיעל שְׁמוּץ , הָאט אָפְּגֶעלֶעגְט דִי פְרַאגֶע אוֹיף אַ מָאנַאט .

— קוּקְט נָאר אָן שַׁאנְיָא אוּנ דוּטִיל׳ן — הָאט מַ א ס ס א וַוייטֶער גֶערֶעדְט — הָאבֶּען זֵי נִיט אַ פְּנִים וִוי אוֹיסְגֶעקְלַאפְּטֶע הִינְד ? נָאר מַיין פְּרִינְצִיפַּאל אַלֵיין אִיז אַ מְאלָאדֶעץ ! אַדְרַבָּא , זֶעהְט וִוי פַּאנְסֶעג שַׁיינְט . . . אַדְיֶע , אִיךְ מוּז לוֹיפֶען . .

עֶר הָאט פְיֶער׳ן גֶעדְרִיקְט בַּיי דֶער הַאנְד אוּנ נִיט גֶעוָואלְט לֶאנְגֶער בְּלַייבֶּען , אָבְּוָואהְל אִין פַּארְלַאמֶענְט אִיז נָאךְ גֶעוֶוען אַ זִיצוּנְג . מֶען הָאט דָארְט פָארְגֶעלֶעגְט עֶפֶּעס אַ נַייֶע פְרַאגֶע , אָבֶּער אַלְלֶע דֶעפּוּטַאטֶען זַיינֶען זִיךְ שׁוֹין צוּלָאפֶען .

פְ יֶ ע ר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ גֶעוָואלְט וַוייטֶער אָנְהוֹיבֶּען בֶּעטְטֶען בַּיי פַּאנְסֶעג פַּאר זַיין לַ א וְ ו יָ א ו ו , נָאר דֶער הָאט אִיהְם פַּארְחַאפְּט פְרִיהֶער אוּנ גֶעזָאגְט לֶעבֶּעדִיג :

— נֵיין , נֵיין , הֶערְר גַייסְטְלִיכֶער , אִיךְ זָאג אַייךְ נָאךְ אַמָאל אַז אִיךְ וִויל אוֹיף זִיךְ נִיט נֶעהְמֶען דִי פֶערְאַנְטְוָוארְטְלִיכְקַייט , טְהוּן גֶעגֶען דֶעם „אוֹיסְטַאווי״ , גֶעגֶען אוּנְזֶערֶע רֶעגֶעל . מֶען הָאט שׁוֹין נָאכְגֶעפָארְשְׁט אוּנ דִי זַאךְ — אָפְּגֶעטְהוּן . קֶענְ אִיךְ דֶען זַיין דַאנְגֶענֶען , טְהוּן אַנְדֶערְשׁ וִוי דָאס קָאמִיטֶעט הָאט בֶּעשְׁטִימְט ?

— הֶערְר פְּ א נְ סֶ ע ג — הָאט פְיֶער טְרוֹיעֶרִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט — דָא הַאנְדֶעלְט זִיךְ וֶוענֶען אַ אַלְטֶען מַאנְן , אַ הוּנְגֶערִיגֶען , עֶרְפְרָארֶענֶעם , וָואס וֶועט שְׁטַארְבֶּען אַז מֶען וֶועט אִיהְם נִיט גֶעשְׁווִינְד הֶעלְפֶען . . .

דֶער רֶעדַאקְטָאר פוּן „גְלָאבּ״ הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ צִיה מִיט דִי פְּלֵייצֶעס אוּנ מִיט דִי הֶענְד , גְלַייךְ עֶר וִויל רוּפֶען דִי וֶוענְד פַּאר עֵדוּת אַז עֶר קֶען נָאר נִיט הֶעלְפֶען . וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ הָאט עֶר מוֹרָא גֶעהַאט , זַיין צַייטוּנְג זָאל נִיט הָאבֶּען קֵיין פָארְווּרְפֶע־ דֶערְפַאר , אָדֶער דֶער הַיינְטִיגֶער פַארְבָּארְגֶענֶער שְׁרֶעק דוּרְךְ דֶער זִיצוּנְג אִין פַּארְלַא־ מֶענְט הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט אַזוֹי שְׁלֶעכְט , אוּנְגֶערְבַּארְמִיג . . .

— יֶעצְט קֶען אִיךְ נָאר נִיט טְהוּן , לַחֲלוּטִין גָאר נִיט . נָאר , מִפַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ אַז אִיךְ וֶועל נִיט זַיין דַאנְגֶענֶען וֶוען אִיהְר וֶועט זִיךְ סְטַארֶען , דִי דַאמֶען זָאלֶען מִיר פַאנַאנְדֶערְבִּינְדֶען דִי הֶענְד . דִי בַּארָאנֶעסֶע ד י וְ ו י לְ יַ א ר הָאלְט מִיט אַייךְ ; זֶעהְט אַז דִי אִיבְּרִיגֶע דַאמֶען זָאלֶען אוֹיךְ מַסְכִּים זַיין .

פְיֶער הָאט זִיךְ אָנְגֶעחַאפְּט פַאר דֶעם לֶעצְטֶען מִיטְטֶעל .

— אִיךְ בִּין בֶּעקַאנְט מִיט דֶער גְרֶאפִין דֶ ע־קֶ ע נְ ס א ק אוּנ קֶען בַּאלְד גֶעהְן צוּ אִיהְר .

— אָט אַזוֹי , אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט ! — דִי גְרֶאפִין דֶע־קֶענְסַאק . גֶעהְט בַּאלְד אַ פַאיֶעטָאן אוּנ אִין אֵיין וֶוענְט טְרֶעט שׁוֹין אָפּ צוּ דֶער פִירְשְׁטִין דֶ ע ־ הַ א רְ פ . זֵי אִיז

זָעהָר אַ רִיהְרֶעוְודִיגֶע פְרוי און הָאט אַ גְרויסֶען אַיינְפְלוּסְס . . . לָאזֶען דִי דַאמֶען אַיינְווילְלִיגֶען , נָאכְדֶעם קוּמְט צוּרִיק צוּ דֶער בַּארָאנֶעסְסֶע אום זִיעבֶּען אַ זֵייגֶער , גֶעהְמְט בַּיי אִיהְר אַ בְּרִיעף , אִיךְ זָאל זַיין זִיכֶער . און קוּמְט נָאכְנָ'עם צוּ מִיר אִין רֶעדַאקְצִיֶע . נַיין אַ זֵייגֶער וֶועט שׁוין אַייֶער אַלְטֶער זַיין אִין פְּרִיוט .

בַּיי פְּיֶער'ן אִיז דִי הָאפְפְנוּנְג צוּרִיק אויפְגֶעלֶעבְּט גֶעוָוארֶען .

— אָ , וִוי דַאנְקְבַּאר בִּין אִיךְ אַייךְ ! אִיהְר רַאטֶעוֶועט אַ מֶענְשֶׁען פוּן טוידְט .

— אִיךְ הָאף אַז אִיהְר פַארְשְׁטֶעהְט וִוי אִיךְ בִּין אויךְ צוּפְרִיעדֶען פוּן דֶעם וֶוען מִיר זָאלֶען קֶאנֶען מִיט אַיין וָוארְט אָנְצֶעהְרֶען הוּנְגֶערִיגֶע, אָנְזֶאטְטִיגֶען דָארְשְׁטִיגֶע און הֶעלְפֶען לַיידֶענְדֶע ! . . . אָבֶּער אַיילְט אַייךְ , מֶען טָאר קֵיין אֵיינְצִיג מִינוּט נִיט פֶערְלִיעהְרֶען .

זֵיי הָאבֶּען אַיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעדְרִיקְט דִי הַאנְט און פְּיֶער הָאט גֶענוּמֶען אַרויסְגֶעהְן . דָאס אִיז אִיהְם אָבֶּער נִיט אַזוי גְרִינְג אָנְגֶעקוּמֶען . דִי זַאל אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעפַּאקְט מִיט מֶענְשֶׁען , און עֶר הָאט גֶעמוּזְט מִיט כֹּחַ זִיךְ דוּרְכְשְׁטוּפֶּען אִין דֶער עֶנְגְשַׁאפְט . דִי הָאפְפְנוּנְג הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען מוּטְה ; עֶס הָאט אִיהְם גֶעדַאכְט , אַז אויב עֶר וֶועט הַיינְט רַאטֶעוֶוען אַ מֶענְשֶׁען וֶועט דָאס זַיין אַ אָנְפַאנְג עֶרְלֶאזוּנְג , אַ שְׁטִיקֶעל פֶערְצֵייהוּנְג פַאר דִי זִינְד פוּן דֶער עֶגָאִיסְטִישֶׁעַר פַארְדָארְבֶּענֶער וֶועלְט . . .

אִין פָּאדֶערצִימְמֶער אִיז פְּיֶער אַ וַוייל שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען דוּרְךְ אַ קְלֵיין צוּפַאלל . דֶער שְׁוֵוייצֶער הָאט זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט אֵיינֶעם און אִיהְם נִיט גֶעוָואלְט אַרֵיינְלָאזֶען , וַוייל זַיין בִּילֶעט אִיז אַ נְ'אַלְטֶער און דִי דַאטֶע אִיז גֶעקְרִיצְט און גֶעפַאלְשְׁט . דֶער אוּנְבֶּעקַאנְטֶער הָאט אַנְפַאנְגְס גֶענוּמֶען זִידְלֶען דֶעם שְׁוֵוייצֶער פְלוּצְלִינְג אָבֶּער אִיז עֶר וִוי אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען און אויפְגֶעהֶערְט שְׁרַייֶען . פְּיֶער הָאט זִיךְ גֶענוּג פֶערְוואוּנְדֶערְט דֶערְקֶענֶענְדִיג , אַז דֶער דָאזִיגֶער אָרֶעם גֶעקְלֵיידְטֶער מֶענְשׁ אִיז דֶער מֶעחַאנִיק סַאלְוַוא , וֶועלְכֶען עֶר הָאט הַיינְט אִין דֶער פְּרִיה גֶעזֶעהְן , וִוי עֶר אִיז אַוֶועק מִיטְ'ן זֶאקִיל אִינְסְטְרוּמֶענְטֶען זוּכֶען אַרְבֵּייט . דָאס מָאל הָאט אִיהְם פְּיֶער נוּט עֶרְקֶענְנְט . דָאס אִיז עֶר טַאקִי : הויךְ , מָאגֶער , אויסְגֶעמוּטְשֶׁעט , מִיט בְּרֶענְנֶענְדִיגֶע אויגֶען פוּן שְׁטֶאנְדִיגֶען הוּנְגֶער און פֶערְבָּארְגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען . יֶעצְט הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט מִיט זִיךְ דָאס זֶאקִיל אִינְסְטְרוּמֶענְטֶען , און אוּנְטֶערן צוּרִיסְסֶענֶעם רָאק וָואס אִיז צוּגֶעשְׁפִּילֶעט אויף אַללֶע קְנֶאפְּלִיךְ הָאט עֶפֶּעס אַרויסְגֶעסְטַארְטְשֶׁעט , וַואהְרְשֵׁיינְלִיךְ אַ שְׁטִיק בְּרויט . אַז דֶער שְׁוֵוייצֶער הָאט אִיהְם אַרויסְגֶעשְׁטוּפְּט אויפְ'ן גַאס , הָאט עֶר זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעהְן פַּאמֶעלַאךְ צוּם בְּרִיק „פֶערְאַיינִיגוּנְג“ .

---

## VI.

דִי גְרֶאפִין דֶע-קֶענְסַאק אִיז גֶעזֶעסֶען אויף אִיהר גֶעוֶואהְנְלִיכֶען אָרְט בַּיים קַאמִין אִין דֶער אַלְטֶער , אָבְּגֶעקְרָאכֶענֶער זַאל . זִי אִיז זֶעהר אֶהְנְלִיךְ גֶעוֶוען צוּם

זוהן: דָאס זֶועלְבִּיגֶע לֶאנְגְלִיךְ פַּיינֶעס גֶעזִיכְט, דִי מָארְדֶע עֶמְוָואס שְׁפִּיצִיג, שֶׁאנֶע יוּנְגֶע אויגֶען, דִי הָאר דִינְן אוּנ וַויים וִוי שְׁנֶעֶע, פַּארְקֶעמְט נָאךְ דֶער אַלְטֶער מָאדֶע אִין אִיהרֶע יוּנְגֶע יָאהרֶען. גֶעוֶואהנְלִיךְ אִיז זִי גֶעוֶועזֶן קַאלְט אוּנ שְׁטָאלְץ נוּר וֶוען מֶען הָאט גֶעבְּרויכְט הָאט זִי גֶעקָאנְט זַיין זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ אוּנ בֶּעצוּיבֶּערְנְד.

פוּן דֶער צְוַויימֶער זַייט קַאמִין אִיז גֶעזֶעסֶען דֶער מַארְקִיז דֶע־מָארִינְיִי. בֵּיידֶע הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען. עֶנְדְלִיךְ הָאט זִי זִיךְ גֶעוֶוענְדֶט צוּ אִיהם אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען וַוייטֶער פִיהרֶען דָאס אִיבֶּערְגֶערִיסֶענֶע גֶעשְׁפְּרֶעךְ

— אַךְ, מַיין פְרַיינְד, אִיהר הָאט פָאלְקָאמְמֶען רֶעכְט. דֶער הֶערר גָאט אִיז אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעשִׁיקְט אויף אוּנְז שְׁלֶעכְטֶע צַייטֶען.

— יָא, מִיר הָאבֶּען פַארְשְׁלָאפֶען דָאס גְלִיק — הָאט דֶער מַארְקִיז גֶעעֶנְטְפֶערְט לַאנְגְזַאם — אִיהר זַיינְט שוּלְדִיג אוּנ פִיעלַייכְט אִיךְ אויךְ.

מִיט אַ טְרוֹיעֶרִיגֶען שְׁמֵייכֶעל הָאט זִי אַ מַאךְ גֶעטְהוּן מִיט דֶער הַאנְד עֶר זָאל שְׁוַוייגֶען. עֶס אִיז וַוייטֶער שְׁטִילל גֶעוָוארֶען. פוּן דֶער גַאס הָאט מֶען דֶעם מִינְסְטֶען גֶערוּישׁ נִיט גֶעהֶערְט דָא אִין דֶער דוּנְקֶעלֶער וָואהנוּנְג אויף׳ן אוּנְטֶערְשְׁטֶען עֶטַאזְשׁ, טִיעף אִין הויף פוּן אַלְטֶען פַּאלַאץ אויף דֶער סֶען־דָאמִינִיק גַאס.

דֶער מַארְקִיז אִיז גֶעוֶועזֶען אַ נְ׳אַלְטֶער מַאנְן פוּן פִינְף־אוּנ־זִיעבְּצִיג יָאהר. מִיט נַיין יָאהר עֶלְטֶער פוּן דֶער גְרֶעפִין, קְלֵיין אוּנ אויסְגֶעטְרִיקֶענְט, אוּנ דָאךְ וֶוער עֶס הָאט אִיהם גֶעזֶעהן מִיט זַיין גֶעגָאלְט פָּנִים מִיט דִי טִיעפֶע קְנֵייטְשֶׁען, הָאט גֶעפִיהְלְט פַאר אִיהם גְרוֹיס דֶרֶךְ־אֶרֶץ. עֶר הָאט גֶעשְׁטַאמְמְט פוּן אַ גַאנְץ אַלְטֶע פַאמִילְיֶע אִין פְרַאנְקְרַייךְ אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אֵיינֶער פוּן דִי לֶעצְטֶע וָואס זַיינֶען גֶעטְרַיי דִי בּוּרְבָּאנֶער מְלָכִים וֶועלְכֶע הָאבֶּען אַמָאל רֶעגִירְט אִין פְרַאנְקְרַייךְ. זַיין רֵיינֶע אוּנ שְׁטָאלְצֶע זֶעעֶלֶע אִיז גֶעוֶועזֶן צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ דֶער מָאנַארְכְיֶע. הֲגַם עֶר הָאט שׁוין פַארְלוֹירֶען דִי הָאפְפְנוּנְג אַז סְ׳זָאל נָאךְ אַמָאל קוּמֶען אַ צַייט, אִין פְרַאנְקְרַייךְ זָאל רֶעגִירֶען אַ מֶלֶךְ. זַיין פֶערְמֶאגֶען פוּן עֶטְלִיכֶע מִילְיָאן אִיז גֶעוֶועזֶן אַ טוֹידְטֶער קַאפִּיטַאל. עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט מַאכֶען דֶערְמִיט גֶעשֶׁעפְטֶען, אַרַיינְלָאזֶען זִיךְ אִין דִי הַיינְטִיגֶע שְׁפֶּעקוּלַאצְיֶעס. אַלֶלֶע הָאבֶּען גֶעוואוּסְט אַז עֶר הָאט גֶעלִיעבְּט דִי גְרֶעפִין נָאךְ וֶוען אִיהר מַאנְן הָאט גֶעלֶעבְּט. שְׁפֶּעטֶער, אַז זִי אִיז גֶעוָוארֶען אַ נְ׳אַלְמָנָה מִיט אַ קְלֵיינֶעם פַארְמֶעגֶען אוּנ זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין דֶער פִייכְטֶער דִירָה אויף סֶען־דָאמִינִיק גַאס. הָאט עֶר אִיהר פָארְגֶעלֶעגְט חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט אִיהם. זִי אִיז אָבֶּער גֶעוֶועזֶן צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ דֶעם צֶעהְנְיָאהרִיגֶען, שְׁוַואכֶען זוּהְן זְשֶׁעראר אוּנ הָאט דֶעם מַארְקִיז אָפְּגֶעזָאגְט, וַוייל זִי הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַארְלִיערֶען דֶעם זוּהְן וֶוען זִי וֶועט אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִיהר הַארְץ אַ נְ׳אַנְדֶערֶען. דֶער מַארְקִיז הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען אִיהר ווִילְלֶען, אָבֶּער נִיט אויפְגֶעהֶערְט זִי צוּ פַארְגֶעטְטֶערן מִיט׳ן גַאנְצֶען הַארְצֶען, אוּנ גֶעבְּלִיעבֶּען גֶעטְרַיי גַאנְצֶע פִינְף־אוּנ־צְוַואנְצִיג יָאהר וִוי אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען אָבֶּענְד וֶוען זֵיי הָאבֶּען זִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל. עֶר הָאט זִי גֶעשֶׁאצְט אוּנ גֶעוֶועזֶן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וִוי אַ בֶּעסְטֶער גוּטֶער פְרַיינְד. צְווִישֶׁען זֵיי אִיז קֵיינְמָאל גָאר נִישְׁט פָארְגֶעקוּמֶען, אֲפִילוּ נִיט אַ קוּשׁ.

זֶעהֶענְדִיג יֶעצְט ווי זִי זִיצְט טְרוֹיעֶרִיג אִיז עֶר אוּנְרוּהִיג גֶעוָוארֶען, פִּיעַלֵייכְט הָאט עֶר אִיהר מְצַעֵר גֶעוֶועזֶען מִיט זַיינֶע וֶוערְטֶער. עֶר הָאט גֶעשְׁוויגְד גֶעזָאגְט:

— אִיךְ וָואלְט גֶערן אַייךְ גֶעזֶעהֶען אַ גְלִיקְלִיכֶע, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעטוֹיגְט צוּ שַׁאפְפֶען אַייךְ גְלִיק אוּנ ס'פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז נוּר אִיךְ בִּין שׁוּלְדִיג אִין דֶעם... פִּיעַלֵייכְט זַייט אִיהר אוּמְרוּהִיג וֶועגֶען זְשֶׁעראַר'ן?

זִי הָאט גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קָאפּ אוֹיף „נֵיין" אוּנ גֶעזָאגְט:

— כָּל זְמַן אַלֶּעס וֶועט בְּלַייבֶּען ווי פְרִיהֶער בֶּעדַארְפֶען מִיר אוּנְז נִיט בֶּעקְלָאגֶען. מִיר אַלֵיין זַיינֶען דָאךְ אוֹיף דֶעם מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען...

מִיט דִי וֶוערְטֶער הָאט זִי גֶעמֵיינְט זְשֶׁעראַרְס זִינְדִיגֶע פֶערְבִּינְדוּנְג מִיט דֶער בַּארָאנֶעסֶע דִיווִילְיַאר. אַ גַאנְץ לֶעבֶּען אִיז זִי גֶעוֶועזֶען נַאכְזִיכְטִיג צוּם זוּהְן אַוֶועקְגֶעקוּקְט פוּן זַיינֶע פֶעהלֶער, נִיט גֶעוָואלְט אִיהם אָנְטְהוּן דִי מִינְדְסְטֶע קְרֶענְקוּנְג, וַוייל זִי הָאט גוּט גֶעוואוּסְט ווי שְׁוַואךְ, ווי קְרַאנְק עֶר אִיז, אָבְוָואהל זַיין אוֹיסְזֶעהֶן אִיז אַזוֹי גֶעזוּנְט אוּנ שֶׁאן. זִי הָאט אִיהם מוֹחֵל גֶעוֶועזֶען וָואס עֶר אִיז פוֹיל, גֶעהט אַרוּם לֶעדִיג אוּנ וויל קֵיין אַרְבֵּייט נִיט טְהוּן. פִיעל מָאל הָאט זִי פַארְגְלֶעט זַיינֶע פֶעהלֶער, בֶּעצָאהלְט זַיינֶע קְלֵיינֶע חובות. קֵיינֶעם נִיט עֶרְצֶאהלְט דֶערְפוּן אוּנ נִיט גֶעוָואלְט גֶעהמֶען קֵיין גֶעלְד-שְׁטִיקֶע פוּן מַארְקִיז, וָואס וָואלְט אִיהר גֶערן אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען זַיינֶע גַאנְצֶע מִילְיָאנֶען. זִי אִיז גֶעבְּלִיבֶּען פֶּעסְט אַיינְגֶעשְׁפַּארְט — לֶעבֶּען פוּן אִיהר בִּיסֶעל קַאפִּיטַאל וָואס אִיז אִיהר גֶעבְּלִיבֶּען נָאכ'ן מַאנְס טוֹידְט. זִי הָאט אוֹיךְ אַוֶועקְגֶעקוּקְט וָואס דֶער זוּהְן אִיז מְאוּס פֶערְבּוּנְדֶען מִיט דֶער בַּארָאנֶעסֶע, קֶענֶענְדִיג זְשֶׁעראַר'ן ווי לַייכְטְזִינְנִיג אוּנ צוּלָאזְט עֶר אִיז. עֶר קֶען זִיךְ נִיט אָפְּרַייסֶען פוּן דֶער בַּארָאנֶעסֶע, אוּנ זִי הָאלְט אִיהם פֶּעסְט אוּנ וויל נִיט אָפְּלָאזֶען. דֶער מַארְקִיז ווידֶער הָאט אוֹיךְ אַלֶּעס פֶערְצֵייהֶעט זְשֶׁעראַר'ן, צַייט חַוָה אִיז גֶעוָוארֶען אַ קְרִיסְטִין.

— אִיהר ווייסְט דָאךְ, פְרַיינְד, ווי גוּט זְשֶׁעראַר אִיז — הָאט דִי גְרֶעפִין ווַייטֶער גֶערֶעדְט — אִין דֶעם לִיעגְט זַיין גַאנְצֶער כֹּחַ אָבֶּער אוֹיךְ זַיין גַאנְצֶע שְׁוַואכְקַייט. קֶענְן אִיךְ אִיהם דֶען מַאכֶען פָּארְווירְפֶע וֶוען עֶר אַלֵיין ווייְנְט צוּ זַאמֶען מִיט מִיר? זִי וֶועט אִיהם אָבֶּער אִין גִיכֶען דֶערֶעסֶען ווערֶען.

מַארִינְיִי הָאט גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קָאפּ.

— בִּיז יֶעצְט אִיז זִי זֶעהר שֶׁאן... אוֹיסֶער דֶעם אִיז נָאךְ דָארְט דִי טָאכְטֶער. דָאס אִיז שׁוֹין פִיעל עֶרְגֶער. עֶר קֶען נָאךְ מִיט אִיהר חֲתוּנָה הָאבֶּען

— אָ, דִי טָאכְטֶער! זִי אִיז דָאךְ אַ קַאלִיקֶע?

— אֶמֶת, אוּנ שְׁטֶעלְלְט אַייךְ פָאר וָואס לַייט וֶועלֶען זָאגֶען: גְרַאף קֶענְסַאק הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַ פֶערְזֶעהֶענִישׁ צוּ לִיעבּ דִי מִילְיָאנֶען.

פַאר דֶעם גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען בֵּיידֶע שְׁטַארְק מוֹרָא גֶעהַאט. זֵיי הָאבֶּען גֶעוואוּסְט אַלֶץ וָואס בַּיי דִיווִילְיַאר טוּהְט זִיךְ: ווי קַאמִילְלַא, דִי מַאוּסְקַייט, אִיז שְׁטֶערְבְּלִיךְ פֶערְלִיעבְּט אִין דֶעם שֶׁאנֶעם זְשֶׁעראַר, אוּנ ווי שְׁלֶעכְט ס'וֶועט זַיין וֶוען זְשֶׁעראַר וֶועט קֵיין מוּטָה נִיט הָאבֶּען זִי אָפְּזָאגֶען.

— אָה נַיין, דָאס וֶועט קַיינְמָאל נִיט גֶעשֶׁעהְן! — הָאט דִי גְרֶאפִין גֶעזָאגְט פֶּעסְט — אִיךְ וֶועל פַאר קַיין פַאל נִיט עֶרְלויבֶּען, מַיין זוּהְן זָאל נֶעהמֶען אַ פְרוֹי פוּן אַזַא מִשְׁפָּחָה...

אִין דֶער צַייט אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען דֶער גֶענֶערַאל בֶּ ע זָ א נְ ג ע. עֶר פְּלֶעגְט פַארְגֶאטְטֶערְן זַיין שְׁוֶועסְטֶער אוּנ אִיז שְׁטֶאנְדִיג גֶעקוּמְמֶען פַארְבְּרֶענְגֶען מִיט אִיהר אִין דִי טֶאג וֶוען זִי פְלֶעגְט צוּנֶעהמֶען גֶעסְט, וָואס זֶענֶען אִימְמֶער וֶועניגֶער גֶעוָוארֶען, עֶס זַיינֶען גֶעבְּלִיעבֶּען נוּר עֶטְלִיכֶע גֶעצֶאהלְטֶע אֱמֶת'ע גוּטֶע-פְרַיינְד וָואס זַיינֶען גֶעקוּמֶען אַהֶער אִין דֶער פַייכְטֶער, אוּמֶעדִיגֶער, פַארְוָוארְפֶענֶער וָואהנוּנְג. בַּאלְד הָאט עֶר גֶענוּמֶען עֶרְצֶעהלֶען דֶער שְׁוֶועסְטֶער פוּן זַיין פְרִיהשְׁטִיק בַּיי ד י ו ו י לְ י א ר, וֶועלְכֶע גֶאסְט זַיינֶען דָארְט גֶעוֶוען, אוּנ דֶערְמָאנְט זְשֶׁ ע רַ א רְ'ן. דֶער גֶענֶערַאל הָאט גֶע-וואוּסְט אַז דִי שְׁוֶועסְטֶער אִיז צוּפְרִיעדֶען וָואס עֶר גֶעהט אַרַיין צוּ דִיוִוילְיַאר אִין הויז אוּנ מַאכְט זַיי דִי עֶהרֶע מִיט זַיין בֶּעזוּךְ. אֲנַב פְּלֶעגְט עֶר טַאקִי זֶעהר גוּט פַארְבְּרֶענְגֶען דָארְט אוּנ זִיךְ קַיינְמָאל נִיט גֶעלַאנְגְוַויילְט צְוִוישֶׁען זַיי.

— דִי אָרִימֶע קַ א מִ י לְ לַ א אִיז בִּיז אִיבֶּער דִי אויעֶרֶען פַארְלִיבְּט אִין זְשֶׁעֶרַאר'ן. בַּיים טִישׁ לָאזְט זִי קַיין אויג נִיט אַרָאפּ פוּן אִיהְם.

דֶער מַארְקִיז מָ א רִ י נְ י י הָאט אִיהְם שַׁארְף אִיבֶּערְגֶעהַאקְט דִי רַייד.

— אָט דָאס אִיז טַאקִי גֶעפֶאהְרְלִיךְ. אַזַא פַּארְטִיע וָואלְט גֶעוֶוען אַ אוּמְגְלִיק אִין יֶעדֶער הִינְזִיכְט.

דֶער גֶענֶערַאל הָאט זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט.

— פַאר וָואס אַ אוּמְגְלִיק? טַאקִי זִי אִיז נִיט שֶׁאן, אָבֶּער נִיט אַלֶלֶע הָאבֶּען חֲתוּנָה מִיט שֶׁאנְהַייטֶען! אַ חוּץ דֶעם נָאךְ מִילְיָאנֶען נַדָן; אוּנְזֶער לִיבֶּער יוּנְג וֶועט קֶענְנֶען אָפְּלֶעבֶּען, דִי מִילְיָאנֶען וֶועלֶען אִיהְם שְׁטַארְק צוּ נִיץ קוּמֶען... אֱמֶת עֶר אִיז פֶערְבּוּנְדֶען מִיט אִיהְר מוּטֶטֶער. וָואס מַאכְט עֶס אָבֶּער אוּיס? אִין אוּנְזֶערֶע צַייטֶען טְרֶעפְפְט עֶס זֶעהְר אָפְט.

דֶער מַארְקִיז הָאט אַ מַאךְ גֶעטְהוּן מִיט דֶער הַאנְד, אַז מֶען עֶקֶעלְט אִיהְם גָאר רֶעדֶען דֶערְפוּן. וָואס זָאל עֶר גֶעהְן טַעֲנֶה'ן מִיט אַזַא בֶּ ע זָ א נְ גֶ ע, דָאס לֶעצְטֶע צְוַויינֶגֶעל פוּן אַזַא בֶּערִיהְמְטֶער פַאמִילְיֶע, אַז בַּיי אִיהְם אִיז רֶעכְט אַזַא קְרוּמֶער, אַזַא פֶּערְדָארְבֶּענֶער שְׁרוּךְ!

דִי גְרֶאפִין הָאט זִיךְ אָבֶּער נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען.

— וָואס רֶעדְסְט דוּ, בְּרוּדֶער? אִיךְ וֶועל קַיין מָאל נִיט צוּלָאזֶען צוּ אַזַא סְקַאנְדַאל. אִייר הָאבּ מִיר הַיינְט גֶעגֶעבֶּען אַ שְׁבוּעָה.

— אָ, שְׁוֶועסְטֶער, שְׁוֶוער נִיט! — הָאט דֶער גֶענֶערַאל אויסְגֶעשְׁרִיעֶן — וָואס אַנְבֶּעלַאנְגְט צוּ מִיר, ווייל אִיךְ נוּר זֶעהֶען אוּנְזֶער זְ שֶׁ ע רַ א ר אַ גְלִיקְלִיכֶען, דָאס אִיז אִין גַאנְצֶען. צְוִוישֶׁען אוּנְז גֶערֶעדְט, זְשֶׁעֶרַאר אִיז צוּ קַיין זַאךְ נִיט פֶּאהִיג. מַיילָא דָאס וָואס עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט זַיין אִין מִילִיטֶער פַארְשְׁטֶעה אִיךְ: הַיינְט פַּאסְסְט נִיט אַזַא פְּרָאפֶּעסְיֶע פַאר אוּנְז. אָבֶּער פַאר וָואס עֶר הָאט נִיט גֶעזוּכְט עֶפֶּעס אַ נְ'אַנְדֶערֶע

שטעללע אונ א בערהויפט קיין זאך ניט געוואלט טהון — דאס פארשטעה איך שוין ניט. מען קען זאגען א תירוץ אז א מענש פון אונזער גראד קען היינט ניט געפינען פאר זיך א פאססענדע שטעללע. אין אמת'ן אבער זאגען דאס נור די פוילע. זשעבראן קען מען נור מיט איין זאך פארענטפערן — ער איז ניט פאהיג, האט ניט קיין וויללען אונ ניט קיין כח.

טרערען האבען זיך געוויזען אין דער מוטטערס אויגען. זי האט זיך שטאנדיג געשראקען ווייל זי האט גוט געוואוסט ווי איהר זוהן, וואס איז אויסווענדיג אזוי שאן, איז אין אמת שוואך אונ עדעל; א בלאז פון א קליין ווינטעל קען איהם אוועקטראגען, אבוואל ער זעהט אויס אזוי שטארק אונ קראפטיג. ער איז א וואהרעס בילד פון דער גאנצער אריסטאקראטיע, די גרויסע יחסנים, וואס ווייזען אויס אזוי גרויס, שטאלץ אונ שטארק, אין דער ווירקליכקייט אבער זיינען זיי שוין ניט מעהר ווי א שאטען.

— אונ אויססער דעם — האט דער גענעראל ווייטער געזאגט — ער איז שוין ברוך־השם אלט פינף־אונ־דרייסיג יאהר אונ ליעגט נאך דיר אויפ'ן קארק. שוין צייט ער זאל ווערען א מענש פאר זיך.

זי האט איהם ניט געלאזט ענדיגען אונ זיך אפגערופען צום מארקיז:

— ניט וואהר? מען דארף נאר האבען בטחון אויף גאט. עס איז אונמעגליך אז ער זאל מיר ניט העלפען. איך האב קיינמאל קעגען איהם ניט געזינדיגט.

— געוויס — האט דער מארקיז געענטפערט. אין דעם איינציגען ווארט איז געלעגען זיין גאנצע ליעבע, זיין אכטונג צו דער פרוי וואס ער האט געשאצט אונ טהייער געהאלטען שוין אזוי פיעל יאהר.

אין צימער איז אריינגעקומען נאך א גוטער־פריינד א מען האט זונגעהויבען רעדען פון עטוואס אנדערש. הערר דע־לא־ראמביער, וויצע־פרעזעס פון סוד, איז געווען א הויכער אלטער מאן פון א יאהר פינף אונ זעכציג, מאגער פליכיג, געגאלט דעם בארד, מיט שמאלע גרויע באקענבארד. דורך די גרויע אויגען, די דיענע ליפפען — פון וועלכע די אויבערשטע ליפ איז געוועזען זעהר לאנג — אונ די פיערעקיגע מארדע, האט זיין לאנגליך געזיכט אויסגעזעהן זעהר שטרענג אונ קאלט. דאס גאנצע לעבען האט ער געהאט קראנקונג וואס ער זאאיקעט זיך אין רעדען אונ דאדורך איז איהם געוועזען אונמעגליך ווערען א בעריהמטער אדוואקאט, ווייל ער האט געגלויבט אז ער איז א גרויסער רעדנער. דורך דער קראנקונג איז ער שטאנדיג געוועזען אומעדיג, פארזארגט. — גלייך ווי דער מארקיז אונ די גראפין דע־קענסאק האט ער אויך פיינד געהאט די רעפובליק...

מען האט אנגעהויבען רעדען פון דער פאליטיק. אללע דריי האבען איינגעשטימט, אז די רעפובליק איז א אומגליק פאר פראנקרייך. די ישועה קען נאר קומען ווען עס וועלען צוריק קעהרען די אלטע גוטע צייטען... דערווייל איז אריין דער לאקאי אונ געמעלדעט דער גראפין, אויב זי קאנן יעצט צונעהמען דעם

בייסטליכען העררן פ ר א מ א ן.

זיא האט זיך א ביססעל פארוואונדערט:

— וואס ברויכט ער ?... בעט איהם אריין.

די גראפין איז זעהר פרום געוועזן אונ בעקאנט געווארען מיט דעם גייסטליכען אין איינעם פון די וואהלטהאטיגע הייזער. זי האט איהם זעהר געשאצט פאר זיינע גוטע מעשים אונ פאר דעם הייליגען נאמען וואס ער האט געהאט צווישען די ווייבער אין יענער געגענד.

פ ע ר איז געבליעבען שטעהן ביים שוועל ווי א צומישטער. אנפאנגס האט ער גאר ניט געקאנט זעהן וואס אין זאל טהוט זיך; ס'האט איהם געדאכט אז ער איז אריין אין א קבר, אין אפינסטער ארט, וואו ער זעהט נאר בלאססע שאטענס אונ הערט עפעס א שושקעריי. נאכדעם, אז ער האט שוין דערקענט די מענשען וואס זיצען דארט, איז ער נאך מעהר צומישט געווארען זעהענדיג ווי פרעמד, ווי טרויעריג זיי זיינען אונ האבען גאר קיין שייכות ניט צו דער לעבענדיגע וועלט, פון וואנען ער איז יעצט געקומען.

די גראפין האט איהם אוועקגעזעצט נעבען זיך ביי'ם קאמין אונ ער האט איהר שטיל ערצאהלט די טרויעריגע געשיכטע פון לאוויאוו'ן אונ געבעטען זי זאל מיטהעלפען, מען זאל איהם אריינגעהמען אין הויז פון די אלטע בעלי־מלאכות.

— אך, יא, דאס איז די אנשטאלט וואו איך בין געווארען א מיטגליעד דורך מיין זוהנס בקשה... אבער, העררן גייסטליכער, איך בין נאך קיין איינציגעס מאל ניט געוועזען אויף די זיצונגען פון קאמיטעט. ווי אזוי קענן איך זיך אריינמישען אז איך האב דארט קיין שום דעה ניט?

אונ אין די געדאנקען האבען זיך איהר ווידער פארגעשטעלט די בילדער פון זשערא ר מיט חוה'ן, וואס זיינען צום ערשטען מאל בעקאנט געווארען דארט אין יענעם פריוט. איהר מוטטערליך הארץ האט שוין אנגעהויבען וויי צו טהאן, הגם עס האט איהר שטענדיג באנג געטהון וואס איהר נאמען איז אריינגעמישט אין אזא אנשטאלט וואו ניט די צדקה, ניט די טובה פון די ארימע לייט איז דער עיקר, נאר דאס בריהמעריי, דער רעש, דער אנשטעלל, דער אייגענער נוטצען פון די וואס האבען איהם געבויט...

— גראפין — האט פ ע ר זי ניט אבגעלאזט — דא האנדעלט זיך וועגען א אומגליקליכען אלטען, וואס שטארבט פון הונגער. האט רחמנות, איך בעט אייך.

אבוואהל דער גייסטליכער האט גערעדט שטיל, האט דער גענעראל דאך איינגעהערט אונ איז צוגעגאנגען נאהנטער.

— אהא, איהר סטארעט זיך נאך אלץ פאר אייער אלטען רעוואלוציאניסט!... אלזא ביים אדמיניסטראטאר האט איהר ניט געפועלט?... עס איז ווירקליך שווער אויפוועקען רחמנות אויף אזאלכע וואהלע יונגען, וואס זאגען זעלבסט, אז זיי וואלטען אונז צוטראגען אויף שטיקלעך ווען זיי האבען די מאכט אין דער האנד

הֶערְר לַ א רָ א מְ בֶ ּ י ע ר הָאט צוּגֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קָאפּ אַז עֶר אִיז מַסְכִּים צוּם גֶענֶערַאלְס וָוארְטֶער. פוּן אַ גֶעוִויסֶער צַייט הָאט עֶר שְׁטַארְק מוֹרָא גֶעקְרִיגֶען פַאר דִי אַנַארְכִיסְטֶען.

פְּ יֶ ע ר הָאט אִיבֶּער אַנַייעֶס אָנְגֶעהוֹיבֶּען עֶרְצֶעהלֶען דִי טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ גֶעצִיטְטֶערְט אִין גַאנְצֶען לַייבּ. עֶר הָאט גֶעשִׁילְדֶערְט דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע אָרִימְקַייט, ווִי אִין דִי הַייזֶער אִיז נִיטָא קֵיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, ווִי דִי ווַייבֶּער מִיט דִי קִינְדֶער צִיטְטֶערֶען פוּן קֶעלְט אוּנ דִי טַאטֶעס לוֹיפֶען אַרוּם אִיבֶּער דִי בְּלָאטִיגֶע פַּארִיזֶער גַאססֶען, זוּכֶען אַ פָּאר גְרָאשֶׁען צוּ עֶרְהַאלְטֶען דִי נְשָׁמָה. אֵיין זַאךְ הָאט עֶר נָאר פֶערְלַאנְגְט פוּן דֶער גְרֶעפִין: זִי זָאל אָנְשְׁרַייבֶּען אַ פָּאר גוּטֶע וֶוארְטֶער אוֹיף אַ וִויזִיט-קַארְטֶע אוּנ עֶר וֶועט עֶס בַּאלְד אָוֶועקְטְרָאגֶען צוּ דֶער בַּארָאנֶעסֶע דִ י וִ ו י לְ יַ א ר.

מַאדַאם דֶ ע-קֶ ע נְ סַ א ק הָאט אַ קוּק גֶעטְהוּן צוּם הֶערְר דֶ ע-מָ א רִ י נְ י י. עֶר אָבֶּער אִיז גֶעזֶעסֶען ווִי אַ ווִילְד פְרֶעמְדֶער אוּנ הָאט גֶעקוּקְט אָהְן אוֹיפְהֶער אוֹיפְ'ן פַייעֶר, מִיט אַ מִינֶע פוּן אַ שְׁטָאלְצֶען מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶען אַלְסְדִינְג אִיז פְרֶעמְד, אוּנ עֶר אִינְטֶערֶעסִירְט זִיךְ גָאר נִיט מִיט דִי אַלֶע זַאכֶען אוּנ מֶענְשֶׁען צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע עֶר אִיז נֶעבַּאךְ אַרַיינְגֶעפַאלֶען... דָאךְ דֶערְפִיהלֶענְדִיג דֶעם בְּלִיק פוּן דֶער פַארְגַאטְטֶערְטֶער פְרוֹי, הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דֶעם קָאפּ. זַייעֶרֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט אוּנ גֶעקוּקְט אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן מִיט דֶער גְרֶעסְטֶער צֶארְטְלִיכְקַייט.

— אָ גָאט מַיינֶער — הָאט זִי גֶעזָאגְט — אִיךְ שֶׁעצְט אַייךְ זֶעהר, הֶערְר גַייסְטְלִיכֶער, אוּנ קֶענְן אַייךְ נִיט אָפְּזָאגֶען אִין אַ צְדָקָה-זַאךְ.

זִי אִיז אוֹיף אַווַיילֶע אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זַאל אוּנ אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט אַ וִויזִיט-קַארְטֶע אוֹיף וֶועלְכֶע זִי הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען, אַז זִי אִיז מַסְכִּים פוּן גַאנְצֶען הַארְצֶען צוּ פְּ יֶ ע רְ ס בַּקָּשָׁה. — פְּ יֶ ע ר הָאט אִיהר גֶעדַאנְקְט, דִי הֶענְד הָאבֶּען אִיהם גֶעטְרֵייסֶעלְט פוּן גְרוֹיס אוֹיפְרֶעגוּנְג, אוּנ עֶר אִיז אַרוֹיס מִיט אַ נַייעֶ הָאפְנוּנְג. פוּן דֶעם צִימְמֶער וואו אַלֶעס אִיז ווַייטֶער פֶערְזוּנְקֶען גֶעוָוארֶען אִין פִינְסְטֶערְנִישׁ אוּנ שְׁטִילְקַייט: דִי אַלְטֶע אוּנ אִיהרֶע לֶעצְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד בַּיים קַאמִין — דִי לֶעצְטֶע פָארְשְׁטֶעהֶער פוּן אַ גַאנְצֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט וָואס הַאלְט בַּיים אוֹיסְשְׁטַארְבֶּען...

אוֹיפְ'ן גַאסס אִיז פְּ יֶ ע ר מִיט אַ פְרֶעהלִיךְ הַארְצֶען אַרַיינְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִין זַיין גֶעדוּנְגֶענֶע דְרָאשְׁקֶע, אוּנ גֶעהֵייסֶען פָאהרֶען צוּ דֶער פִּירְשְׁטִין דֶ ע-הַ א רְ פ אוֹיף קְלֶעבֶּער גַאס. אוֹיבּ אִיהם וֶועט גֶערָאטֶען אַז זִי זָאל אוֹיךְ אַיינְווִילִיגֶען, גֶעבֶּען אִיהר הַסְכָּמָה, וֶועט שׁוֹין לַאוִויאָזו גֶעווִיסס גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען. נָאר אוֹיפְ'ן בְּרִיק „פַארֵאיינִיגוּנְג" אִיז גֶעוֶוען אַזָא עֶנְגְשַׁאפְט, אַז דִי פֶערְד הָאבֶּען גֶעמוּזְט גֶעהְן טְרִיט בַּיי טְרִיט.

דָארְט, אוֹיפְ'ן טְרָאטוּאַר, הָאט עֶר ווִידֶער דֶערְזֶעהְן ד וּ טִ י ל'ן. עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנְגֶען אַ אוֹיסְגֶעפוּצְטֶער, אַ פְרֶעהלִיכֶער, מִיט אַ צִיגַאר אִין מוֹיל, אוּנ הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם עוֹלָם, גְלַייךְ עֶר וָואלְט זִיךְ גֶעפְרֵייט וָואס נָאךְ דֶער הַיינְטִיגֶער אוּמְרוּהִיגֶער זִיטְצוּנְג אִין פַּארְלַאמֶענְט זֶעהט עֶר ווַייטֶער פַאר זִיךְ דֶעם אוֹיסְגֶעלַייטֶערְטֶען הִימְמֶעל מִיט דֶעם צוּגֶעטְרִיקֶענְטֶען בְּרוּק פוּן גַאס. דֶערְזֶעהֶענְדִיג דוּטִיל'ן אַזָא פְרֶעהלִיכֶען אִיז

פֶּיער'ן אײנגעפאללען, אַז עס וואָלט גליי: געוועזען איבערגערעדען דעם יונגען מענשען, ער זאָל האַלטען פאַר איהם. פונקט איז די דראָשקע גאר אין גאַנצען שטעהן געבליבען. דער דעפוטאַט האָט ערקענענט פּיער'ן אונ אַ שמייכעל געטהון צו איהם.

— וואוהין לאָזט איהר זיך געהן, הערר דוטיל?

— דאָ ניט ווייט, אויף די עליסייסקע פעלדער.

— האָבען מיר דאָך איין וועג. אפשר ווילט איהר זיך דורכפאָהרען מיט מיר? איך האָב מיט אייך עפּעס צו רעדען. וואו איהר וועט בעדאַרפען וועל איך אייך אָבפיהרען.

— מיט פערגנינגען, הערר גײסטליכער. אָרט אייך ניט מיין ציגאַר?

— אָה, ניין.

די דראָשקע האָט אָנגעהויבען זיך ריהרען פון אָרט, איז דורכגעפאָהרען די בריק, דעם פּלאַטץ אונ איז אַרויף אויף די עליסייסקע פעלדער. פּיער וואָס האָט גאַנץ וועניג צייט געהאַט, האָט באַלד געמאַכט אַ רעדע מיט דוטיל'ן וועגען זיין עסק. ער האָט גוט געדענקט ווי דוטיל איז איהם אַריינגעפאָהרען היינט אין דער פריה ביי'ם באַראָן, אונ דארום איז ער שטאַרק פאַרוואונדערט געוואָרען ווען דוטיל האָט איהם ניט געלאָזט ענדיגען די רייד אונ מיט אַ ליעבליכען שמייכעל געזאָגט:

— אַך, איהר סטאַרעט זיך נאָך אַלץ וועגען אייער אַלטען שכור? אַלזאָ האָט איהר ביי פּאנטעג'ן גאר ניט אויסגעפיהרט? אונ איהר פערלאַנגט טאַקי דורכאויס מען זאָל איהם נאָך היינט אַריינגעהמען? אַדרבא, איך האָב גאר נישט באַגעגען...

— איהר האָט דאָך אָבער שלעכט פאַרגעשטעלט פאַר'ן קאָמיטעט...

— פאַרגעשטעלט!... אַ מאַכט האָט דאָס פאַרשטעללען. עס ווענדט זיך ווי מען בעטראַכט די זאַך. אַז איהר האַלט אַזוי שטאַרק פאַר אייער לאַוואָן. קען איך אייך נאָך צוהעלפען; מען זאָל איהם אַהין אַריינגעהמען.

פּיער איז ערשטוינט געוואָרען הערצגדיג זיינע ווערטער, אין האַרצען אָבער האָט איהם זעהר געפרייט. דוטיל האָט איהם גאר ניט דערלאָזט דאָס מויל אָפפענען.

— איהר האָט זיך איינפאַך ניט גענומען צו דער זאַך ווי עס קעהר צו זיין — האָט ער ווייטער גערעדט — ביי זיך אין דער היים איז דער באַראָן דער גאַנצער בעל-הבית; איהר ווייסט אַליין פאַר וואָס. די באַראָנעססע טהוט אַלץ וואָס איהם געפעללט. אָנשטאַט אַרומלויפען היינט איבער'ן שטאָדט, האָט איהר בעדאַרפט גלייך זיך ווענדען צו איהם, ער זאָל האַלטען פאַר אייך, בפרט אַז היינט איז ער געוועזען זעהר אויפגעלעגען, אין אַ גוטען הומאָר. ז' וואָלט געוויס נאָכגעגעבען. אונ ער האָט זיך צולאַכט...

— נו, אונ איהר ווייסט וואָס איך האָב בדעה צו טהון? איך וועל איבער-רעדען דעם באַראָן, ער זאָל זיין פון אייער צד. פונקט יעצט פאָהר איך טאַקי אין

אזא הויז וואו איך וועל איהם טרעפען, ער קומט אהין יעדען טאג אין דער שעה...

דוטיל האט זיך נאך האכיר צולאכט.

— מיט איין ווארט, עס קאן זיין אז איהר, העררר גייסטליכער, ווייסט אויך פון דעם הויז. ווען דער באראן איז דארט, מעג מען זיין זיכער, אז ער וועט קיין זאך ניט אפזאגען.. איך פערזיכער אייך, ער וועט מיר געבען זיין ווארט נאך היינט פארדערן פון זיין פרוי, זי זאלל הייסען באלד אריינגעהמען איער אלבען אין פריוט. נאר א שאר וואס דאס וועט ארויסקומען זעהר שפעט אין אוונד.

פלוצלינג האט איהם א לייכט געטהון א פרישער געדאנקען.

— אט, ווייסט איהר וואס? פאהרט מיט מיר צוזאממען אהין. איהר וועט נעהמען א ווארט פון באראן אונ הכף ומיד פאהרען אויפזוכען די באראנעססע... נו, יא, איך פערשטעה, אייך איז א ביססעל ניט לאווקע אריינגעהן אין אזא הויז; אפשר ווילט איהר וועל איך דעם באראן אליין ארויסרופען. איהר וועט ווארטען אונטען, אין קליין גאסט־צימער, איך וועל אייך אהין אריינפיהרען.

דוטיל איז גאר ענטציקט געוועזען פון זיין פלאן, פיער אבער איז געזעססען צוטומעלט אונ ניט געוואוסט וואס צו טהון. פאסט עס פאר איהם אריינגעהן אין גאסטצימער פון דער אקטריססע סילוויאנא ד'אנעי? — איבריגענס וואס ארט דאס איהם, ער האט שוין אפילו פאר'ן טייוועל אליין קיין מורא ניט. וואו איז ער ניט אויסגעוועזען צוזאממען מיט ראז'ן, זוכענדיג צו טהון עפעס א מצוה?

דוטיל האט ווייטער געזאגט מיט א ניעדריגען קול:

— איהר ווייסט, דאס האט ער דאך בעצאהלט פאר דער גאנצער איינריכטונג. איהר מעגט אריינגעהן גאנץ דרייסט.

— געוויס, געוויס, איך וועל צוזאממען מיט אייך אריינגעהן — האט דער גייסטליכער ארויסגערעדט אונ ניט געקאנט זיך איינהאלטען פון א שמייכעל.

דער קליינער, ראסקאשנער, פראכטפאללער פאלאץ סילוויאנא'ס איז געשטאנען אין דער גאסס ד'אנטען, ניט ווייט פון די עליסייסקע פעלדער. די איינוואהנערין פון דעם פאלאץ, וואס איז ערשט אלט געווארען פינף אונ צוואנציג יאהר, איז געוועזען א זעלטענע שאנהייט. גאנץ פאריז האט געקענט איהר שאן, לאנגליך־קיילעכדיג געזיכט, דאס דינן נאזיל, דאס ברעקעלע מיילכיל, די צארטע באקען, ארומגענומען מיט געדיכטע שווארצע האר וואס האבען פארדעקט א טהייל פון איהר ניעדריגען שטערן. זי איז טאקי נור בעריהמט געוועזען דורך איהר זעלטען נאאיווען געזיכט, די וואונדערליכע לויטערקייט פון איהרע בלויע אויגען, די שאמעוודינקייט וואס איז געלעגען אויף איהר, וועהרענד אין אמת'ן איז זי געוועזען פארדארבען ביז צום מארך. זי איז געוועזען בעקאנט פאר א אויסגעלאססענע, זינדיגע, פרעכע, וואס טהוט די נידערטרעכטיגסטע זאכען אונ האט גאר קיין חרפה אונ קיין בושה ניט — אזוינס וואס קען נור או כוואקסען אין א גרויסער שטאדט.

אִיהְרֶע הַמְצָאוֹת , אִיהְרֶע קַאפְּרִיזֶען זַיינֶען גֶעוֶועןאַ שֶׁם־דָבָר . מַאנְכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז זִי אִיז אַ שְׁוֶוייצַארְם טָאכְטֶער , אַנְדֶערֶע ווִידֶער — אַז אִיהְר פָאטֶער אִיז אַ דָאקְטָאר . יֶעדֶענְפַאלְלְם אִיז זִי גֶעוֶוען גֶענוּג גֶעבִּילְדֶעט אוּנ שָׁאן גֶעהָארֶעוֶועט , אוּנ אַז מֶען הָאט גֶעבְּרוּיכְט הָאט זִי אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אִי שֵׂכֶל , אִי טַאקְט , אִי שֶׁאנֶע מַאנֶערֶען . שׁוֹין צֶאהֶן יָאהְר שְׁפִּיעלְט זִי אוֹיף דֶער סְצֶענֶע אוּנ הָאט גְרוֹיס הַצְלָחָה דוּרְךְ אִיהְר שֶׁאנְקַייט אוּנ דוּרְךְ דֶעם וָואס זִי שְׁפִּיעלְט גוּט דִי רָאלֶע פוּן אוּנְשׁוּלְדִיגֶע מֶערְלִיךְ אָדֶער יוּנְגֶע , אָרֶענְטְלִיכֶע , גֶערוּדֶפְטֶע וַוייבְּלִיךְ . נָאר צַייט מֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען פוּן דֶעם , אַז אִיהְר הָאט זִיךְ פַארְגְלוּסְט אָנְקוּמֶען אִין דֶער „פְרַאנְצֶאזִישֶׁער קָאמֶעדְיֶע" אוּנ שְׁפִּיעלֶען דָארְט אֵיינֶע פוּן דִי הוֹיפְּט רָאלְלֶען אִין אַ בֶּערִיהְמְטֶער טְרַאגֶעדְיֶע , אִיז דָאס פּוּבְּלִיקוּם שְׁרֶעקְלִיךְ אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען אוֹיף אַזַא חוּצְפָּה . מַאנְכֶע הָאבֶּען פְרָאסְט גֶעלַאכְט אִין דִי פוֹיסְטֶען פוּן אַזַא מְשׁוּגָעְנֶעם אַיינְפַאל . זִי אָבֶּער אִיז גֶעוֶוען אַיינְגֶעשְׁפַּארְט , דוּרְכְאוֹים פַארְלַאנְגְט אוֹיסְפִיהְרֶען אִיהְר קַאפְּרִיז , אוּנ גֶעוֶוען זִיכֶער בַּיי זִיךְ אַז עֶס וֶועט אִיהְר גֶערָאטֶען — דִי מַאנְסְפֶּערְשׁוינֶען הָאבֶּען אִיהְר אִימֶער גֶעמוּזְט נָאכְגֶעבֶּען .

הַיינְט אוּם דְרַיי אַ זֵייגֶער אִיז זְשֶׁערַאר'ן , וָואס הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וואוּ דִי צַייט פַארְבְּרֶענְגֶען בִּיז עֶר וֶועט גֶעהְן צוּ חַוָה'ן אוֹיף דֶער מַאטִינֶיאן גָאס , אַיינְגֶעפַאלֶען אַרַיינְגֶעהְן אַ בִּיסְעֶל צוּ סִילְוְויַאנֶען וָואס אִיז זַיינֶע אַ נָאהֶענְטֶע שְׁכֵנָה . אַמָאל הָאט עֶר זִי שְׁטַארְק גֶעלִיעבְּט אוּנ פוּן דַאמָאלְס אָן אִיז עֶר אַ שְׁטֶענְדִיגֶער אַרַיינְגֶעהֶער אִין דֶעם קְלֵיינֶעם פַּאלַאץ ; עֶס פְלֶעגְט זָאגַאר טְרֶעפְפֶען , אַז עֶר אִיז דָארְט גֶעבְּלִיעבֶּען נָאכְטִיגֶען . הַיינְט הָאט עֶר זִי גֶעטְרָאפְפֶען שְׁטַארְק צוּרֵייצְט , אִין כַּעַס , אוּנ עֶר , וִוי אַ גוּטֶער־פְרַיינְד , הָאט זִיךְ צוּשְׁפַּרֵייט אוֹיף אַ טִיעפֶען שְׁטוּהְל אוּנ אוֹיסְגֶעהֶערְט וִוי זִי בֶּעקְלָאגְט זִיךְ . סִילְוְויַאנַא אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אָנְגֶעטְהוּן אַ וַויים קְלֵייד , וִוי חַוָה בַּיים פְרִישְׁטִיק , אוּנ גֶערֶעדְט מִיט גְרוֹיס הִיטְץ , אוּנ עֶר , וָואס הָאט אָנְגֶעקְוָואלְלֶען פוּן אִיהְר יוּגֶענְד אוּנ שֶׁאנְקַייט , הָאט פַארְגְלִיכֶען זִי צוּ יֶענֶער דֶער אָפְּגֶעבְּלִיהְטֶער בַּארָאנֶעסֶע , אוּנ גֶעשְׁפִּיעְרְט אִין זִיךְ אַזַא פוֹילְקַייט אַוֶועקְגֶעהֶן אַהִין , אַז עֶר וָואלְט גֶערְן חָאטְשׁ עֶבִּיג גֶעבְּלִיבֶּען זִיצֶען דָא אוֹיפְ'ן שְׁטוּהְל . . .

— דוּ הֶערְסְט , זְשֶׁערַאר — הָאט זִי עֶנְדְלִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנ אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי צוּקָאכְט אַז זִי הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען זְשֶׁערַאר'ן „דוּטְצֶען" — עֶר וֶועט בַּיי מִיר דָאס מִינְדֶסְטֶע נִיט פוֹעֶל'ן כָּל זְמַן עֶר וֶועט מִיר נִיט בְּרֶענְגֶען אַ אַיינְלַאדוּנְג פוּן דֶעם טֶעאַטֶער .

בַּארָאן ד י ו ו י ל י א ר אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען . סִילְוְויַאנַא אִיז מִיט אַמָאל גֶעוָוארֶען קַאלְט וִוי אַייז אוּנ אִיהְם צוּגֶענוּמֶען מִיט אַ מִינֶע פוּן אַ בֶּעלֵיידִיגְטֶע קֵייזֶערִין . עֶר הָאט אַ בִּיטְטֶערְן שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבֶּען , וַוייל עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט נִיט קֵיין גוּטֶע נַייעֶס אוּנ גֶעוואוּסְט אַז דָא וֶועט בַּאלְד וֶוערֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁטוּרְם . דָאס מֵיידִיל אִיז גֶעוֶוען אַ וואוּנְד אִין זַיין הַארְצֶען , אַ וָוארֶעם וָואס הָאט גֶעטָאטְשֶׁעט זַיין שְׁטַארְקֶע , קְרֶעפְטִיגֶע נַאטוּר . זִי אִיז גֶעוֶוען אַ שְׁטְרָאף פַאר זַיינֶע עֲבֵירוֹת ; מִיט בֵּיידֶע הֶענְט

האט זי גֶעשֶׁאפְּט זַיין נָאלְד אוּנ מִיט אִיהְר אוּנעֶרְבַּארְמִיגְקֵייט זִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶועֶן אָן אִיהְם פַאר דִי טְרֶערֶען פוּן אַלְלֶע הוּנְגֶערִינְגֶע אוּנ עֶרְפְרוּירֶענֶע . ס'אִיז גֶעוֶועֶן פְּרָאסְט אַ רַחֲמָנוּת צוּ קוּקֶען . וִוי דֶער מֶענְשׁ , פַאר וֶועלְכֶען נַאנְצֶע רֶעגִירוּנְגֶען הָאבֶּען גֶעצִיטְטֶערְט אוּנ גֶעפְלַאטֶערְט , אִיז דָא בְּלַאס גֶעוָוארֶען אוּנ גֶעשְׁטַאנְגֶען אִין אַיין פַּחַד פַאר דֶעם כַּעַס פוּן אַ פְרוֹיעֶנְצִימְמֶער !

— אַךְ , מַיין טְהַייעֶרֶע , וֶוען אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען וִוי אִיךְ בִּין מִיךְ אָנְגֶע-לָאפֶּען ! מַאסְסֶען גֶעשֶׁאפְטֶען הָאבּ אִיךְ הַיינְט גֶעהַאט , אַזוֹי אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעשְׁרָאקֶען , אוֹיבּ אִיךְ וֶועל נָאר הָאבֶּען אַ פְרַייעֶ מִינוּט קוּמֶען אַ קוּשׁ טְהוּן אַייעֶר הֶענְדְטִיל .

עֶר הָאט זִי אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען אִין הַאנְט ; דִי הַאנְט אִיז אָבֶּער קַאלְט אַרָאפְּגֶע-הַאנְגֶען , אָהְן לֶעבֶּען , גְלַייכְגִילְטִיג . סִילְוִויַאנַא הָאט נוּר גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהְם אוּנ גֶעוַוארְט וָואס עֶר וֶועט זָאגֶען . דוּרְךְ אִיהְר בְּלִיק אִיז עֶר אַזוֹי צוּמִישְׁט גֶעוָוארֶען , אַז דֶער שְׁוֵויס הָאט פוּן אִיהְם אַרוֹיסְגֶעזֶעצְט . עֶר הָאט נִיט גֶעפוּנֶען קֵיין וָוארְטֶער .

— עֶס פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ — הָאט עֶר גֶעשְׁטַאמְמֶעלְט — אִיךְ הָאבּ וֶועגֶען אַייךְ אוֹיךְ גֶעטְרַאכְט , בִּין גֶעפָאהְרֶען אִין מִינִיסְטֶערְיוּם פוּן דִי „שֶׁאנֶע קוּנְסְטֶען" , וואוּ מֶען הָאט מִיר אוֹיף זִיכֶער פֶערְשְׁפְּרָאכֶען . . . אֶ , דָארְט הַאלְט מֶען פַאר אַייךְ אַייזֶען-שְׁטַארְק ! . . . נָאר שְׁטֶעלְלְט אַייךְ פָאר , דֶער אִידְיָאט , דֶער מִינִיסְטֶער טַאבּוּרָא , אַ אַלְטֶער פְּרָאפֶעסְסָאר פוּן דֶער פְּרָאווִינְץ , וָואס ווֵייס נִיט פוּן זַיין גֶעזוּנְט , ווִילל בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט מֶען זָאל אַייךְ אַיינְלַאדֶען אִין טֶעאַטֶער . עֶר זָאגְט אַז כָּל זְמַן עֶר אִיז מִינִיסְטֶער וֶועט עֶר נִיט דֶערְלָאזֶען , אִיהְר זָאלְט דָארְט שְׁפִּיעלֶען .

זִי הָאט שְׁטְרֶענְג גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהְם אוּנ גֶעזָאגְט דוּרְךְ דִי צֶאהְן :

— אַלְזָא וָואס וֶועט זַיין ?

— וָואס זָאל זַיין , מַיין טַייבֶּעלֶע ? וָואס קֶען אִיךְ מַאכֶען ? מֶען קֶען דָאךְ נִיט אַרָאפְּוַוארְפֶען אַ מִינִיסְטֶער דֶערְפַאר וָואס אִיהְר וֶועט נִיט שְׁפִּיעלֶען אִין טֶעאַטֶער .

— פַאר וָואס קֶען מֶען נִיט ?

עֶר הָאט זִיךְ גֶעצְווּאוּנְגֶען לַאכֶען , נָאר זַיין גֶעזִיכְט אִיז אָנְגֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען מִיט בְּלוּט אוּנ זַיין פִיגוּר הָאט זִיךְ גֶעטְרֵייסֶעלְט פוּן פַארְבָּארְגֶענֶע יְסוּרִים .

— גֶענוּג , נְשָׁמָה מַיינֶע , סִילְוִויַאנַא , זַייט נִיט אַיינְגֶעשְׁפַּארְט . אִיהְר זַייט אַזוֹי פְרַיינְדְלִיךְ וֶוען אִיהְר ווִילְט נָאר . . . וַוארְפְט אַוֶועק דֶעם גֶעדַאנְקֶען וֶועגֶען טֶעאַטֶער . אִיהְר אַלֵיין רִיזִיקִירְט דָאךְ אוֹיךְ זֶעהְר פִיעל : שְׁטֶעלְלְט אַייךְ פָאר דִי שַׁאנְדֶע , אַז אַייעֶר שְׁפִּיעל וֶועט נִיט גֶעפֶאלְלֶען . וִויפִיעל טְרֶערֶען וֶועט דָאס אַייךְ קָאסְטֶען . . . אוֹיסֶער דֶעם קֶאנְנְט אִיהְר פָארְדֶערֶען פוּן מִיר פִיעל אַנְדֶערֶע זַאכֶען , וָואס נָגֵד אַייעֶר הַאַרְץ וֶועט בֶּעגֶעהְרֶען . . . נוּ , אַדְרַבָּא , זָאגְט עֶפֶּעס אַ פֶערְלַאנְג — אִין דֶער רֶגַע

וֶועט דָאס עֶרְפִילְלט וֶוערֶען

אוּנ מִיט אַ חֲנִיפָה'דִיגֶער מִינֶע הָאט עֶר זִי גֶעוָואלְט אָנְגֶעהֶמֶען בַּיי דִי הָאנְד; זִי אָבֶּער הָאט זִיךְ אָפְּגֶעטְרֵייסֶעלְט מִיט שְׁטָאלְץ אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהְם דוּטְצֶען, וִוי עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג זְשֶׁערַאר'ן:

— דוּ הֶארְסְט, מַיין טְהַייעֶרֶער, דוּ וֶועסְט בַּיי מִיר גָאר נִישְׁט קְרִיגֶען, טְרַאג דִיךְ! זָאלְסְט זִיךְ מִיר פַאר דִי אוֹיגֶען נִיט וַוייזֶען, עֶהֶער אִיךְ וֶועל נִיט שְׁפִּיעלֶען אִין טֶעאַטֶער

עֶר הָאט גוּט פַארְשְׁטַאנְעֶן וָואס דָאס בֶּעדַייט: אוּם מִיט אִיהְר לִיעבֶּע. יֶעצְט וֶועט זִי אִיהְם שוֹין אֲפִילוּ־נִיט לָאזֶען אַ קוּשׁ גֶעבֶּען אִין הֶאלְדְזִיל. עֶר הָאט סִילְוֶויַאנַא'ן גוּט גֶעקֶענְנְט, גֶעוואוּסְט אַז זִי וֶועט הַאלְטֶען וָוארְט. דָאךְ הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ אַלְץ גֶעמַאכְט הַארְץ אוּנ גֶעוָואלְט דִי גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע אוּמְדְרֶעהֶען אִין אַ שְׁפָּאס.

— אָבֶּער אִיז זִי הַיינְט בֶּאז! — הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶוענְדְט צוּ זְשֶׁערַאר'ן — וָואס הָאט אִיהְר אַזוֹינְס אִיהְר גֶעטְהוּן וָואס זִי אִיז אַזוֹי אוֹיפְגֶערֶעגְט?

דֶער יוּנְגֶער מֶענְשׁ הָאט נִיט גֶעוָואלְט זִיךְ אַרַיינְמִישֶׁען. עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען שְׁטִילל אוּנ קֵיין וָוארְט נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט.

סִילְוִויַאנַא אָבֶּער אִיז אַרוֹיס מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען כַּעַס:

— וָואס עֶר הָאט מִיר גֶעטְהוּן? עֶר הָאט גֶעהַאט מִיטְלֵייד מִיט מִיר, וָואס אִיךְ מוּז זַיין אַבְּהֶאנְגִיג פוּן אַזַא מֶענְשֶׁען וִוי אִיהְר, אַזַא אוּנְעֶרְבַּארְמִיגֶען עֶגָאִיסְט, וָואס פִיהְלְט גָאר נִיט וִוי מֶען בֶּעלֵיידִיגְט מִיךְ. הָאט אִיהְר נִיט בֶּעדַארְפְט דֶער עֶרְשְׁטֶער זַיין אוֹיסֶער זִיךְ פוּן כַּעַס? הָאט אִיהְר נִיט בֶּעדַארְפְט פַארְדֶערְן דוּרְכְאוֹיס מֶען זָאל מִיךְ אַרַיינְגֶעהְמֶען אִין טֶעאַטֶער הָאטְשׁ צוּלִיעבּ אַייעֶר כָּבוֹד? אַז מֶען הַאלְט מִיךְ פַאר נִיט קֵיין אַנְשְׁטֶאנְדִיגֶע, אִיז דָאךְ דָאס אַייךְ אַ בִּזָיוֹן, אַ פַּאטְשׁ אִין פָּנִים גְלַייךְ וִוי מִיר... אִיךְ בִּין אַ גֶעפַאלֶלֶענֶע פְרוֹיעֶנְצִימְמֶער, נִיט וַואהְר? זָאגְט, שֶׁאמְט אַייךְ נִיט. אִיךְ בִּין אַ מוֹיד וָואס מֶען יָאגְט אַרוֹיס פוּן נֶעדֶער אָרֶענְטְלִיכֶען הוֹיז!

אוּנ סִילְוִויַאנַא הָאט זִיךְ צוּלָאזְט מִיט זִידְלֶעַרַייעֶן, מִיט גְרָאבֶּע וֶוערְטֶער וָואס הָאבֶּען גֶעפְלֵייצְט וִוי אַ שְׁטְרָאם פוּן אִיהְרֶע שֶׁאנֶע לִיפְּפֶּעלִיךְ וֶוען זִי אִיז אַרַיין אִין כַּעַס. אוּמְזָאנְסְט הָאט דֶער בַּארָאן מִיט דִי אוֹיגֶען גֶעוואוּנְקֶען— וַוייל רֶעדֶען הָאט עֶר מוֹרָא גֶעהַאט, עֶר זָאל נָאךְ נִיט עֶרְגֶער מַאכֶען — אוּנ גֶעבֶּעטֶען זְשֶׁערַאר'ן עֶר זָאל זִיךְ אַרַיינְמִישֶׁען. זְשֶׁערַאר פְלֶעגְט טַאקִי אָפְט מַאכֶען אַ שָׁלוֹם צְוִוישֶׁען זֵיי, וַוייל עֶר הָאט לִיעבּ גֶעהַאט עֶס זָאל זַיין שְׁטִילל אוּנ רוּהִיג; יֶעצְט אָבֶּער הָאט עֶר זִיךְ אֲפִילוּ קֵיין רִיהר נִיט גֶעטְהוּן אוּנ אִיז גֶעזֶעסֶען וִוי אַיינְגֶעדְרִימְמֶעלְט. אוּנ זִי, אַז עֶס הָאט זִיךְ שוֹין אוֹיסְגֶעלָאזְט דֶער גַאנְצֶער זַאפַּאס זִידְלֶערַיי, הָאט וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֵעדֶען צוּם בַּארָאן פֶער „דוּ" אוּנ אוֹיסְגֶעלָאזְט קוּרְץ אוּנ שַׁארְף:

— מִיט אֵיין וָוארְט, מַיין טְהַייעֶרֶער, טְהוּ וִוי דוּ וִוילְסְט, אַבִּי אִיךְ זָאל אָנְ־

קומען אין טעאַטער, ווען ניט — פּאַק דיך אַרויס, דו וועסט בּיי מיר גאָר נישט בּעקומען!

— נו, גוט, גוט — האָט דיוויליאַר געזאָגט פערצווייפעלט און אַלץ מיט אַ געמאַכטען געלעכטערל — מיר וועלען שוין ווי עס איז איינאָרדנען.

אין דער מינוט איז אַריין דער לאַקאַי און געזאָגט, אַז דוטיל וואַרט אונטען און בּעט דעם בּאַראָן אַראָפּקומען אין רויכער־צימער. דער בּאַראָן האָט זיך פערוואונדערט, ווייל געוואוהנליך פלעגט דוטיל אַריינקומען גלייך אין הויז ניט געמאָלדען. עס איז איהם אַרויף אויף די געדאַנקען, אַז וואַהרשיינליך האָט דוטיל געבּראַכט שלעכטע ידיעות פון פּאַרלאַמענט און וויל איהם בּאַלד ערצעהלען אונטער פיער אויגען.

דיוויליאַר איז תּיכף אַרויס נאָכ'ן לאַקאַי און איבּערגעלאָזט סילוויאַנאַ'ן אַליין מיט זשעראַר'ן.

אין רויכער־צימער, וואָס איז געווען אָפּגעטהיילט פון פאָרדער־הויז דורך אַ שווערען פאָרהאַנג, איז פּ י ע ר געשטאַנען און געקוקט נייגיעריג אין אַללע זייטען, אויף די וואַנט, דאָס אַלטע זעלטענע מעבּעל, די גאַנצע רייכע איינריכטונג. דוטיל האָט פרעהליך געקלאַפּט מיט'ן עק פון זיין שטעקיל אויף דער ניעדריגע סאָפע, וואָס איז מעהר אָהנליך געווען צו אַ געלעגער פאַר געליעבּטע עהדער אַ סאָפע צום אויסרוהען.

— ניט וואָהר, שאָן איינגעאָרדענט? אָ, דאָס מיידיל איז ניט קיין נאַרר, די זוייס וואָס זי האָט צו טהון!

דער בּאַראָן איז אַריין אויפגערעגט, אומרוהיג. ער האָט זאָגאַר ניט בּעמערקט דעם גייסטליכען און גלייך אָנגעהויבּען דוטיל'ן פאַנאַנדערפרעגען:

— נו, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען? האָסט שלעכטע נאַכריכטען?

— מעזש האָט פאָרגעלעגט אַ שאלה און געפאָדערט מען זאָל די זאַך אַ מינוט ניט אָפּלעגען, כּדי אַראָפּוואַרפען דאָס מיניסטעריום. איהר קאָננט אייך פאָרשטעללען זיין רעדע.

— נו, יאָ, געוויסס... אָנגעפאַללען אויף די רייכע, אויף מיר מיט אייך... אַ נ'אַלטער פּזמון... און נאָכדעם?

— דאָס פּאַרלאַמענט האָט ניט מסכּים געווען אַז מען זאָל תּיכף ומיד די זאַך אָבּפאַרטיגען. אָבּער דער מיניסטער־פּרעזידענט בּאַררו, הגם ער האָט זיך זעהר שאָן פערטיידיגט, האָט בּעקומען אין גאַנצען צוויי שטימען מעהר אויף זיין זייט.

— צוויי שטימען, ניט מעהר? הייסט עס פּראָסט ער איז אַראָפּגעפלויגען. אַ סוף מיט איהם. אין אַכט טאָג אַרום וועט געוויס וויניאָן ווערען מיניסטער־פּרעזידענט.

— יאָ, אַללע זאָגען אַזוי.

דער בּאַראָן האָט צונאַמענגעדריקט די בּרעמען, גלייך ער וויל בּערעכנען

וואס סְקֶען פון דעם אַרויסקוקען, גוטס אדער שלעכט, אונ מיט פֶערדרוסס אַמאָך גֶעטהון מיט דער האַנט.

— ווינִיאַנ'ס מיניסטעריום... האָל דער טייוועל! איינס ניט בעססער פאר דאס אַנדערע. איך גלויב ניט אַז ווינִיאַן זאָל סילוויאַנאַ'ן צולאָזען אויף דער סצענע אין דער „פראַנצאָזישער קאָמעדיע".

איהם האט יעצט נאָר סילוויאַנאַ אינטערעסירט, אונ נאָר פון דער זייט האט ער בעטראַכט דעם קריזיס אין דער פּאָליטיק. דוטיל אָבער האט ניט געקענט בעהאַלטען זיין איינענע אונרוהיגקייט:

— נו, אונ מיט אונז אַללע וואס וועט ווערען?

דוטילס ווערטער האבען דעם באַראָן אויפגעמינטערט. שטאַלץ אונ רוהיג ווי געוועהנליך האט ער ווייטער אַמאָל געטהון מיט דער האַנט אונ געזאָגט:

— מיט אונז? מיט אונז וועט גאר ניט זיין, מיר זיינען אויסער געפאהר. איך בין גאַנץ רוהיג, לאָז סאַנִיע אָפּדרוקען זיין בעריהמטען צעטטעל אויב ער האט דערפון פערגניגען. אויב ביז יעצט האבען מיר ניט אָבגעקויפט סאַניע'ן צוזאַממען מיט זיין צעטטעל, איז דאס נאר דערפאר וואס באַררו איז זעהר אַ אָרדענטליכער מענש אונ איך האב נישט ליעב אַרויסוואַרפען געלט אומזאָנסט. זייט רוהיג, איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, ניטאָ וואס מורא האבען.

יעצט ענדליך האט ער בעמערקט דעם גייסטליכען פראַמאַן וואס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין שאָטען. דוטיל האט איהם ערקלערט די טובה וואס בּייער פערלאַנגט פון איהם, אונ דער באַראָן, וואס איז נאָך געווען צוקאָכט אונ דערשלאָגען דורך סילוויאַנאַס האַרטקייט, האט זיך אָנגעחאַפּט אָן דער טרויעריגער האָפפנונג, אַז אין דעם זכות פון דער מצוה וועט ער ווערען אַ גרעססער מוצלח צו דעם מיידיל, אונ דארום האט ער זיך געחאַפּט מיט ביידע הענד אונ תּכּף מרוצה געוואָרען סטאַרען זיך, מען זאָל אַריינגעהמען לאַוויאָן'ן אין פּריוט. ער האט אַרויס־גענומען פון טאַש אַ וויזיט־קאַרטע מיט אַ בּליישטיפט אונ איז צוגעגאַנגען צום פענסטער.

— מיט'ן גרעסטען פערגניגען בין איך בּרייט אייך צו דיענען, הערר גייסטליכער, אונ וועל זיין גליקליך אַז איך וועל האבען אַ טהייל אין דער מצוה. הערט וואס איך שרייב: „ליעבער פריינד, איך בעט טהון דאס וואס דער גייסטליכער פראַמאַן פערלאַנגט פאר דעם אונגליקליכען. אונזער פריינד פאַנסעג וואַרט נאר איהר זאָלט ערלויבען".

אין דער מינוט האט פּייער דערזעהן דורכ'ן קיילעכדיגען טהיר זשעראַר'ן, וועלכען סילוויאַנאַ האט בעגלייט ביז צום פאָר־הויז, שוין בערוהיגט אונ נייגיעריג צו וויסען וואס טהוט דא דוטיל. די דאַמע האט פּייער'ן איבּערראַשט מיט איהר אונשולדיג אויסזעהן, דאס ריינקייט אונ צניעות וואס איז געלעגען אויף איהר גאַנץ געזיכט. ער האט זיך קיינמאָל אפילו די מלאכים פון גן־עדן ניט פערגעשטעללט אַזוי צאַרט,

אזוי ריין און אזוי אונשולדיג.

— אז איהר ווילט די קארטע באלד איבערגעבען מיין פרוי, מוזט איהר פאהרען צו דער פירשטין דע־האראפ, היינט ביי טאג איז ביי איהר א אויפנאהמע פון גאסט..

— אהין האב איך טאקי געוואלט פאהרען, הערר באראן.

— אויסגעצייכענט... דארט וועט איהר געווים טרעפען מיין פרוי, זי האט זיך געקליבען אהין אבפיהרען די קינדער.

דערווייל האט ער בעמערקט זשעראר'ן און איהם צוגערופען.

— זאגט נאר, זשעראר, דאכט זיך, מיין פרוי האט געזאגט אז זי פאהרט צו דער פירשטין. ווי מיינט איהר, וועט דער הערר גייסטליכער זי דארט יעצט טרעפען?

דער יונגער מענש, וואס ענדליך איז ביי איהם פארט געבליבען פאהרען אויף דער מאטינעאן גאס און ווארטען אויף חוה'ן, האט געענטפערט גאנץ פריי:

— אויב איהר ווילט זיך איילען, הערר גייסטליכער, קאננט איהר נאך דארט טרעפען די באראנעססע. זי וועט אהין פארפאהרען עהרער זי נעהם פאסטען דאס קלייד ביי סאלמאנען.

* ער האט א קוש געגעבען סילוויאנאן אין האנד און איז ארויסגעגאנגען מיט א זיבערער מינע פון א שאנעם מאנספערשוין, פויל און גלייכגילטיג, וועלכען דער בעכטער תענוג איז שוין אויך צוגעגעסען געווארען.

פיער האט ניט וויללענדיג געמוזט בעקאנט ווערען מיט דער בעל־הבית'טע, וועלכע דיוויליאר האט איהם פארגעשטעללט. ער איז א ביסעל צומישט געווארען און אהן ווארטער א נייג געגעבען דעם קאפ; זי האט אויך אהן לשון איהם בעגריסט, פיין, אנשטאנדיג, בעשיידען, ווי די בעסטע אקטריסע אין „פראנצאזישער קאמעדיע" וואלט ניט געקאנט נאכמאכען. דיווילליאר האט אבגעפיהרט פיער'ן ביז צום טהיר און זי איז צוריק געגאנגען צוזאממען מיט דוטיל'ן אין גאסט־צימער. הינטער דעם פארהאנג האט ער זי ארומגעחאפט ביי דער טאליע און געוואלט א קוש געבען אין מויל; זי האט אבער ניט געלאזט, קענענדיג איהם וואס פאר א פלוט ער איז, און אגב האט זי געוואלט, אז פר׳הר זאל דער דעפוטאט איהר ווייזען א געפעלליגקייט.

פיער איז באלד אוועקגעפאהרען צו דער פירשטין דע־האראפ, זיכער ביי זיך אז יעצט וועט איהם שוין די זאך געראטען אויפ'ן בעסטען אופן, נאר צופאהרענדיג צו איהר פאלאץ אויף דער קלעבער גאס האט די דאראזשקע ווייטער געמוזט בלייבען שטעהן, אזא ענגשאפט איז דארט געווען. די גאנצע גאס איז פולל געווען פון עקיפאזשען מיט פאיעטאנען פון די גאסט, וואס האבען זיך געשיטעט אויף דעם מוזיקאלישען מיטטאג ביי דער פירשטין. ביי'ם פאראדנעם מיט רויטען סאמעט פארפוצטען אריינגאנג פון פאלאץ, איז געווען אזא דריקעריי, אז פיער איז געווארען מסופק.

אויב ער וועט זיך גאר קאנען דארט דורכשטופען. און פאסט עס גאר פאר איהם, קומען צו דער פירשטין אין זיין גלח'שען מאנטעל און בעטען זעהען זיך מיט דער באראנעססע דיוויליאר ?... אנפאנגס, ווען ער איז געווען אויפגערעגט, האט ער גאר ניט געטראכט דאריבער. ענדליך איז ביי איהם געבליבען, דורכשטופען זיך צווישען עולם און אריינגעהן דורך'ן טויער. פלוצלינג האט ער דערהערט איטעצענס א פראהליכע שטיממע:

— א, הערר גייסטליכער! איז עס מעגליך, איהר זיינט עס?

דאס האט געזאגט דער קליינער מאסא. ער איז איבעראלל געקראכען, געווען אין צעהן שטעללען אין איין טאג: א זיצונג אין פארלאמענט, א לויה, א חתונה, א יובילעאום, א גרויסארטיג באל, א הזכרת־נשמות — קיין זאך איז ניט געמאכט געווארען אהן איהם, ווען איהם "איז אנגעפאללען דאס קדחת" ווערען א ראפארטער און שרייבען נייעס פון שטאדט.

— אלזא, הערר גייסטליכער, איהר געהט אויך זעהן די טאנץ פון די "מויריטאנקעס" ביי דער שאנער פירשטין?

מאסא האט געשפאט ווי זיין שטייגער איז. די מויריטאנקעס זיינען געווען זעקס שפאנישע טאנצערקעס, וואס גאנץ פאריז איז געלאפען קוקען זייערע טאנץ אין א טעאטער'ל. פאר פריוואט־הייזער האבען זיי געהאט גאנץ בעזונדערע טאנץ, אזאלכע פרעכע, אויסגעלאססענע, אז אין קיין טעאטער וואלט מען זיי ניט ערלויבט צו ווייזען. און פאריזער אריסטאקראטיע איז געלאפען אין אללע זאלאנען קוקען און קוועלען פון די טרפה'נע קונצען.

ווען פיער האט ערצאהלט מאסאן וועגען וואס ער איז אהער געקומען, האט דער צייטונגס־שרייבער איהם ערקלערט, אז ער איז בעריייט איהם העלפען אין דער זאך. מאסא האט געוואוסט אללע גאנג אין פאלאץ און ער האט אריינגעפיהרט פיער'ן דורך א הינטער־טהיר גלייך אין פארהויז, ניט ווייט פון זאל. דאס פארהויז איז געווען פול טהייערע בלומען, הויכע בוימער, און פיער האט דארט געקאנט שטעהן, קיינער זאל איהם ניט בעמערקען.

— ווארט איהר דא, טהייערער גייסטליכער. איך וועל געהן אפזוכען די פירשטין. ביי איהר וועלען מיר וויססען אויב די באראנעססע איז שוין געקומען.

פיער איז ערשטוינט געווארען זעהענדיג, אז דאס גאנצע הויז איז פעסט בארשטאפט: די פענסטער פערשטעללט מיט לאדען, די פארהאנגען און די גארדינען אראפגעלאזט, דאס מינדסטע שפעלטעלע איז פארלעגט, די שיין פון גאס זאל ניט אריין. אללע צימערן זיינען העלל בעלייכט מיט עלעקטרישע לאמפען. די היטץ איז שוין יעצט גרויס, אבוואהל אללע געסט זיינען נאך ניט געקומען, און די לופט איז שווער, אנגעזאפט מיט שטארקע ריחות פון די בלומען און די פרויען. פיער איז געשטאנען א פערבלענדעטער, צוטומעלטער, און איהם האט געדאכט, אז ער איז אריינגעפאללען אין איינעם פון די הייזער פון ראסקאש און לוסט־זיכקייט.

וועלכֶע פֶעהלֶען נִיט אִין דֶעם פְרֶעהלִיכֶען פּאַרִיז.

עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דִי שְׁפִּיץ פִינְגֶער אוּנ גֶעזֶעהן דוּרְךְ דִי אָפְּפֶענֶע טְהִיר פוּן זַאל פְּלֵייצֶעס פוּן דַאמֶען וָואס זַיינֶען אוֹיסְגֶעזֶעצְט אוֹיף דִי שְׁטוּהלֶען, גַאנְצֶע שׁוּרוֹת נַאקֶען בְּלָאנְדֶע אוּנ שְׁוַוארְצֶע פָּאטִילִיצֶעס. וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס הָאבֶען דִי שְׁפַּאנְיֶערְקֶעס שׁוֹין גֶעוִויזֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען טַאנְץ. פְּיֶער הָאט דִי טֶאנְצֶערְקֶעס נִיט גֶעזֶעהן, אָבֶער אָן דֶעם צִיטְטֶערן פוּן דִי אַלֶע נַאקֶענְס, וָואס הָאבֶען זִיךְ גֶעוִויגְט וִוי דוּרְךְ אַ שְׁטַארְקֶען ווִינְד, הָאט עֶר גֶעקָאנְט פֶערְשְׁטֵיין וָואס פַאר אַ אוֹיסְגֶעלַאסְסֶען טַאנְץ דָאס אִיז. נָאכְדֶעם הָאט אוֹיסְגֶעשָׁאסְסֶען אַ גֶעלֶעכְטֶער, אַ אוּנְגֶעהַייעֶרֶע פַּאטְשֶׁערַיי מִיט דִי הֶענְד — דִי גַאנְצֶע גֶעזֶעלְלְשַׁאפְט אִיז גֶעוֶוען אוֹיסֶער זִיךְ פוּן עֶנְטְצִיקוּנְג.

— עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ יֶעצְט אָפְּזוּכֶען דִי פִּירְשְׁטִין, אִיהְר וֶועט מוּזֶען אַ בִּיסֶעל וַוארְטֶען — הָאט מַאסְסָא גֶעזָאגְט צוּרִיקקוּמֶענְדִיג —, אִיךְ הָאבּ בֶּעגֶעגֶענְט יַאנְסֶענֶען אוּנ עֶר הָאט מִיר פַארְשְׁפְּרָאכֶען, זִי אַהֶער בְּרֶענְגֶען. אִיהְר קֶענְנְט יַאנְסֶענֶען.

אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶען עֶרְצֶעהְלֶען פְּלְיָאטְקֶעס, רְכִילוּת׳ן, וִוי זַיין שְׁטֵייגֶער אִיז. מִיט דֶער פִּירְשְׁטִין אִיז עֶר זֶעהְר גוּט בֶּעקַאנְנְט. פָאְרִיגֶעס יָאהְר, וֶוען זִי אִיז נָאר־וָואס גֶעקוּמֶען אִין פַּארִיז אוּנ גֶעמַאכְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען בַּאל, הָאט עֶר דָאס בֶּעשְׁרִיבֶען דֶעם בַּאל אִין דִי צַייטוּנְגֶען. נָאר וֶוער דִי פִּירְשְׁטִין אִיז אוּנ פוּן וַואנֶעט שְׁטַאמְט זִי — וֵוייס עֶר נִיט מֶעהְר וִוי אַנְדֶערֶע. וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס אִיז זִי זֶעהְר רַייךְ, וַוייל זִי וַוארְפְט מִיט גֶעלְד. עֶס קָאנְן זֶעהְר זַיין אַז זִי הָאט אַ מַאנְן, אוּנ אֶפְשַׁר טַאקִי אִיז דֶער מַאנְן אַ ווִירְקְלִיכֶער, אַ אֱמֶת׳ר פִּירְשְׁט, וָואס פָאהְרְט אַרוּם אִיבֶּער דֶער וֶועלְט מִיט אַ זִינְגֶערְקֶע, אָבְּוָואהְל דִי פִּירְשְׁטִין זָאגְט אַז זִי אִיז אַ אַלְמָנָה. אֵיין זַאךְ אִיז קְלָאר וִוי דֶער טָאג, אַז זִי אִיז אַ מְשׁוּנָה׳דִיגֶע בְּרִיָה, פְּרָאסְט אַ מְשׁוּגָעֶנֶע. זִי אִיז אֲפִילוּ זֶעהְר אַ קְלוּגֶע פְרוֹי, נָאר שְׁטֶענְדִיג וַוארְפְט זִי זִיךְ אִין אַ נְ׳אַנְדֶער זַייט. אוּנ אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְד, זִיךְ הַאלְטֶען לַאנְג בַּיי אֵיין זַאךְ; עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג אִיז זִי גֶעוֶוען אִין גַאנְצֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ מַאלֶערַיי, פְּלוּצְלִינְג הָאט זִי עֶס אַוֶועקְגֶעוָארְפֶען אוּנ זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ חֶעמִיע. יֶעצְט וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס אִיז שׁוֹין וִויעדֶער אוֹיס חֶעמִיֶע, זִי הָאט זִיךְ שׁוֹין אַ וָוארְף גֶעגֶעבֶּען אוֹיף פָּאעֶזִיֶע.

— אַלְזָא זַייט אִיהְר נִיט בֶּעקַאנְנְט מִיט יַאנְסֶענֶען?

יַאנְסֶען הָאט דָאס זִי צוּגֶערֶעדְט, זִי זָאל לֶערְנֶען חֶעמִיע, בִּפְרַט דִי זַאכֶען וָואס רַייסֶען אוּנ צוּזֶעטְצֶען; פַאר אִיהְם אִיז אַזַא חֶעמִיע ווִיכְטִיג וַוייל עֶר אִיז אַ אַנַארְכִיסְט... אִיךְ גְלוֹיבּ אַז זִי אִיז אַ גֶעבּוֹירְטִיגֶע פוּן עֶסְטְרֵייךְ, הֲגַם אִיהְרֶע וֶוערְטֶער קָאנְן מֶען נִיט שְׁטַארְק גְלוֹיבֶּען. וָואס אַנְבֶּעלַאנְגְט יַאנְסֶענֶען, מוּז עֶר אַפָּנִים זַיין אַ דַייטְשׁ, אָבְּוָואהְל עֶר זָאגְט אַז עֶר שְׁטַאמְט פוּן עֶנְגְלַאנְד... אָ, דָאס אִיז זֶעהְר אַ בֶּעהַאלְטֶענֶער מֶענְשׁ, אַ רֶעטֶענִיש, אָהְן אַ הֵיים, אָהְן אַ נָאמֶען, עֶס קֶען זַיין — זֶעהְר אַ גֶעפֶעהְרְלִיכֶער נֶפֶשׁ, וָואס פִיהְרְט אַ פִינְסְטֶער

לעבען . . . איך ווייס זיכער, אז ער איז געוועזן אין דער שייקע וואס האבען אין בארצעלאנא געוואלט מאכען א שרעקליכע הריגה . . . יעדענפאללס זעה איך איהם שוין מעהר ווי א יאהר דא אין פאריז, און וואהרשיינליך גיט די פאליציי גוט אכטונג אויף דעם פאגעל. ביי מיר איז קיין שום ספק ניט, אז ער איז עקסטרא געווארען די פירשטינס א לובאוויניק, כדי די פאליציי ארויספיהרען פון וועג. ער לעבט דא א פרעהליך לעבען, אין שטאנדיגע באללער, און האט אנגעשלעפט א פול הויז מיט הפקר־יונגען פון פערשיעדענע לאנדער און אללערליי פאלקער. אט, זעהט דארט דעם קליינטשקען, פרעהליכען, גראבען מענשיל — ער הייסט באפאמען, א פראנצויז, א געפעהרליכער מענש! און דארט זעהט איהר יענעם מיט די גראבע ליפען, דאס איז א שפאניער, אויך א גוטער חברה־מאנן. ווע מען געפינט איהר ניט דא אין דעם הויז? פערשיעדענע שלאק, שלעפער, זשוליקעס, פראסטע גזלנים פון דער גאנצער וועלט!

ראזעמאנדע ס זאל איז ווירקליך געוועזן ווי נח'ס תיבה: דארט האט מען געקאנט טרעפען עטליכע גראסארטיגע פאמיליעס, אמת'ע אריסטאקראטען, מיליאנערען, און נעבען זיי פערשיעדענע אויסוואורפען פון אללע לאנדער, וואס קומען אין פאריז זוכען פערגעניגען, שארלאטאנעווען און פערדארבען נאך מעהר די גרויסע וועלט־שטאדט, וואס איז שוין אזוי אויך גענוג פערדארבען.

יאנסען איז צוגעגאנגען. דאס איז געוועזן א הויכער, מאגערער העדר פון א יאהר דרייסיג, א ווייסליכער בלאנדין, מיט טונקעל־גרויע הארטע אויגען, א שפיציגען בארד, לאנגע געקרייזעלטע העללע האר, דורך וועלכע זיין בלאסער פנים האט אויסגעזעהן נאך פיעל לענגער. ער האט גערעדט פראנצאזיש, אבער זעהר שלעכט, מיט א שטיללע שטימע, און רעדענדיג האט ער קיין איינציגען אבר בעוועגט. — ער איז געקומען זאגען מאסקא'ן, אז ער קאנן ניט אפזוכען די פירשטין. אבוואהל ער האט זי שוין אומעדום געזוכט. עס קען זיין זי איז אויף איטעצען אין כעס געווארען, האט זי זיך פארשפארט אין שלאפצימער, געלעגט אין בעט און געלאזט די גאסט זאלען זיך פרייהען ווי זיי געפאללט.

— אט איז זי! — האט מאסקא פלוצלינג אויסגעשריען.

ווירקליך, ראזעמאנדא איז געשטאנען אין פארהויז, גלייך ווי זי וואלט אימעצען אפגעוואַרט. זי איז געוועזן קליינגעוויקסיג, דינן, מיט א שאן פנים'ל, גרינע אויגען, א דינן נאזעל, גראבליכע, זעהר רויטע ליפען, דורך וועלכע עס האבען געבלישטעט זעלטען ווייסע שאנע צאהן. אנגעטהון איז זי היינט געוועזן אין א הימעל־בלויע קלייד אויסגענאהט מיט זילבערנע פליטטערליך, זילבערנע בראנסלעטען אויף די האנד, א זילבערנע רייף אין די אשקאלירענע האר וואס זיינען געוויקעלט און געקרייזעלט ארום קאפ.

— עס פרעהט מיך זעהר אייך צו דיענען, העדר נייסטליכער — האט זי בעגעגנט פיער'ן, דערוויסענדיג זיך וועגען וואס ער איז געקומען. — אויב מען

װעט אײַער צַלְטֶען ניט אַרַיינגֶענֶעהְמֶען אין אונזֶער פְּריװט. שִׁיקְט אִיהם אַהֶער. אִיךְ נֶעהם אִיהם צוּ זִיךְ אונ װעל שׁוין פַאר אִיהם גֶעפִינְגֶען אַ אָרְט

זי אִיז גֶעװֶען דוּרךְ עֶטְװָאס אויפְגֶערֶעגְט אוּנ כְּסֵדֶר גֶעקוּקְט אויף דֶער טִהִיר. װען פְּיֶער הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט איבּ דִי בַּארָאנֶעסֶע אִיז שׁוין גֶעקוּמֶען, הָאט זִי אויסְגֶעשְׁרִיעֶן:

— דָאס אִיז דָאךְ דִי מַעֲשֶׂה װָאס זִי אִיז נָאךְ נִיטָא! — אִיךְ װוּנְדֶער מִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ. זִי הָאט גֶעבְּרוּיכְט בְּרֶענְגֶען בֵּיידֶע קִינְדֶער אַהֶער... נָאךְ גֶעסְטֶערְן הָאט הִיַּאצִינְט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען בֶּעשְׁטִימְט אַז עֶר װֶעט קוּמֶען

דִי לֶעצְטֶע צַייט הָאט זִיךְ דִי פִּירְשְׁטִין שְׁטַארְק אִינְטֶערֶעסִירְט מִיט הִיַּאצִינְטֶען

פְּלוּצְלִינְג אִיז זִי אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען פוּן פְּיֶער'ן:

— עֶנְדְלִיךְ! — הָאט זִי פְרֶעהְלִיךְ גֶעזָאגְט אוּנ גֶעלָאפֶען צוּם טִהִיר.

הִיַּאצִינְט אִיז גֶעקוּמֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶער שְׁװֶעסְטֶער קַאמִילְלַא. אויפְ'ן שְׁװֶעל הָאט עֶר זִיךְ אָבֶער גֶעשְׁטָאפֶּען מִיט זַיין גוּטֶען־פְרַיינְד, װֶעגֶען װֶעלְכֶען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אַהֶער, דֶעם יוּנְגֶען לָארְד עֶלְסָאן, אַ בְּלַאסֶער, אַ דוּנְקֶעלֶער, מִיט לַאנְגֶע הָאר װִי בַּיי אַ מֶארִיל, אוּנ עֶר, הִיַּאצִינְט, הָאט כִּמְעַט נָאר נִיט גֶעקוּקְט אויף רָאזֶעמָאנְדַא'ן װָאס הָאט אִיהם אַזוֹי צֶארְטְלִיךְ מְקַבֵּל־פָּנִים גֶעװֶען. עֶר פְלֶעגְט זָאגֶען אַז אַ פְּרוֹיעֶנְצִימֶער אִיז אַ אוּמְרֵיינֶע חַיָּה, װָאס בֶּעשְׁמוּצִינְט דֶעם גוּף מִיט דֶער נְשָׁמָה. — אִיהְר הָאט פַארְדְרָאסֶען זַיין קַאלְטְקַייט אוּנ זִי אִיז נָאכְגֶעגַאנְגֶען דִי יוּנְגֶע לַייט אִין דֶער דוּשְׁנֶער, הַייסֶער זַאל.

מַאסְטָא הָאט פַארְהַאלְטֶען קַאמִילְלַא'ן אוּנ זִי צוּגֶעפִיהְרְט צוּ פְּיֶער'ן. קוּים הָאט זִי אַרוֹיסְגֶערֶעדְט דִי עֶרְשְׁטֶע פָאר װֶערְטֶער הָאט פְּיֶער װִי אַ אָפְּגֶעגַארְטֶער אויסְגֶעשְׁרִיעֶן:

— װִי? אַייֶער מוּטְטֶער אִיז נִיט גֶעקוּמֶען צוּזַאמֶען מִיט אַייךְ?

דָאס יוּנְגֶע פְרַיילַיין, װָאס אִיז װִי אִימֶער אויךְ יֶעצְט גֶענַאנְגֶען אָנְגֶעטְהוּן אַ שְׁװַארְצֶע קְלֵייד, אִיז גֶעװֶען יֶעצְט שְׁטַארְק נֶערְװָאוֶע אוּנ צוּרֵייצְט, דִי אויגֶען הָאבֶען גֶעקוּקְט בֶּאז, דִי שְׁטִימֶע גֶעפַייפְט. זִי הָאט מִיט כַּעַם אויסְגֶעגְלַייכְט דֶעם קָארְפֶּער אוּנ דֶער לִינְקֶער אַקְסֶעל אִיז דַאדוּרְךְ נָאךְ פִיעל הֶעכֶער גֶעװָארֶען פוּן דֶעם רֶעכְטֶען

— נֵיין. זִי הָאט נִיט גֶעקָאנְט קוּמֶען, זִי הָאט בֶּעדַארְפְט צוּפַּאסֶען אַ קְלֵייד בַּיים שְׁנַיידֶער. מִיר הָאבֶען זִיךְ פֶערְזַאמְט אויף דֶער אויסְשְׁטֶעלְלוּנְג, אִיז זִי שׁוֹין פוּן דָארְט אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען גְלַייךְ צוּם שְׁנַיידֶער.

קַאמִילְלַא הָאט עֶקְסְטְרַא גֶעמַאכְט מֶען זָאל לַאנְג בְּלַייבֶען אויף דֶער אויסְשְׁטֶעלְלוּנְג, זִי הָאט גֶעטְהוּן כָּל הַהִתְפַּעֲלוּת, כְּדֵי דַאדוּרְךְ זָאל דִי מוּטְטֶער פַארְזַאמֶען פָאהְרֶען אויף מַאטִינָיאן גַאס, צוּזַאמֶענְקוּמֶען מִיט דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען זְשֶׁעראַר. עֶס הָאט אִין אִיהְר גֶעקָאכְט דֶער כַּעַס. פַאר װָאס דֶער מוּטְטֶער

איז פּאַרט געראַטען אַרויסדרעהען זיך, דורך דעם אויסגעטראַכטען תירוץ מיטן שניידער.

— אונ אויב איך וועל הכּל געהן צו סאַלמאַנען — האָט פּ ע ר געפּרעגט אָהן חכמות — קען זיין אַז איך זאָל איהר דאָרט טרעפען אונ איבערגעבען די קאַרטע?

זי האָט זיך צולאַכט מיט אַ קוויטש.

— אָ, איך בין שטאַרק מסופּק אויב איהר וועט זי דאָרט טרעפען. זי האָט געהאַט נאָך אַ עסק, אונ אויך זעהר אַ נאָטהיגעס

— אַלזאָ וועל איך דאָ אויפוואַרטען. וואַהרשיינליך וועט זי דאָך קומען אַהער, אייך אַהיים נעהמען. ניט וואָהר?

— אונז אַהיים געהמען? אָ ניין. איך זאָג דאָך אייך, זי האָט אַ נאָטהיג געשעפט, מוז זיך זעהען מיט אימעצען. איך מיט'ן ברודער וועלען אַליין פאָהרען אַהיים.

זי איז אַלץ מעהר צורייצט געוואָרען. פאַרשטעהט דען דער נייטטליכער ניט אַז מיט זיינע אומשולדיגע נאַרישע שאלות שטעכט ער איהר אַ מעסער אין האַרצען? אָדער איז עס מעגליך ער זאָל ניט וויסען, וועהרענד די גאַנצע וועלט ווייס, ווי איהר מוטטער טרייבט זיך אַרום מיט'ן געליעבטען?

פּ ע ר האָט זיך גאָר ניט געעריכט. [illegible] איהם [illegible] ניט געראַטען זעהן היינט די באַראָנעססע.

— אַך, ווי פאַרדראָססיג! — האָט ער געזאָגט מיט גרויס עגמת־נפש את טרערען זיינען איהם אָנגעלאָפען אין די אויגען — איהר ווייסט, דאָס איז נאָך אַלץ די זעלבע געשיכטע מיט דעם אָרימען אַלטען מאַנן, פאַר וועלכען איך קלאַפּאָטשע מיך פון אין דער פריה אָן. איך האָב אַ קוויטעל פון אייער פאָטער, אונ העררר זשעראַר האָט מיר געזאָגט אַז...

פלוצלינג איז ער צומישט געוואָרען אונ איינגעזעהן וואו ער האַלט. ביז יעצט איז ער געוועזן אַזוי פאַרטהון מיט לאַווזאָו'ן אַז ער האָט גאָר פאַרגעסען, אַז עס פּאַסט ניט אַללעם אַרויסזאָגען.

— ערשט ניט לאַנג האָב איך געזעהן אייער פאָטער אונ העררן דע־קעניסאַק...

— איך ווייס, איך ווייס — האָט זי איהם איבערגעהאַקט מיט אַ טרויעריגער אונ שפּאָטישער מינע פון אַ טאָכטער וועלכע ווייס אַלץ וואָס די עלטערן טהוען — אויב איהר האָט אַ צעטטיל פון פאָטער צו דער מוטער, מוזט איהר וואַרטען ביז די מאַמע וועט ענדיגען איהר געשעפט... מאַנכעס מאָל דויערט עס לאַנג. קומט צו אונז זייגער זעקס. נאַר, אָפּפען געערעדט, איך בין זעהר מסופּק אויב איהר וועט זי שוין דאַמאָלס טרעפען — עס קאָנן זעהר זיין אַז איהרע געשעפטען וועלען זי פאַרהאַלטען נאָך לאַנגער.

פון איהרע באַזע אויגען האָבען געשיטעט פונקען, איהרע ווערטער וואָס זי האָט געשלײַדערט אויף דער מוטער, זײַנען געווען ווי שפּיציגע פײַלען. נאָך קיינמאָל איז איהר שׂנאה צו דער מוטער ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי היינט; עס האָט איהר שרעקליך געקרענקט פאַר וואָס די מוטער איז שאָן אונ צוציהענד, שאַפט גליק אונ פערגניגען.

— אַ זעמאָנדאַ איז אַרײַנגעלאָפען, דערהיצט, לייכטזיניג ווי שטענדיג.

— אַך, מײַן טהײַערינקע, קומט קוקט! זיי זײַנען וואונדער־שאָן, בעצויבערנד!

יאַנסען מיט דעם קליינעם מאַססאָ זײַנען געגאַנגען נאָך דער פירשטין.

אַללע מאַנספּערזאָנען האָבען זיך אַ שיטט געטהון פון די זײַטיגע צימערען, קוים האָבען זיי דערהערט אַז די מוריטאַנקעס טאַנצען שוין ווידער. דאָס מאָל האָבען זיי וואַהרשיינליך געטאַנצט דעם בעריהמטען גאַלאָפּ, פון וועלכען גאַנץ פאַריז האָט גערעדט. די טאַנצערקעס פליהען אין איהם ווי די משוגעים, מיט געשרייען, מיט אַ הירזשעריי, ווי די ווילדע קליאַטשעס.

פּיער האָט נאָר געזעהן ווי אַללע האַלדזער האָבען געציטטערט, ווי גאַנצע שרענגען העללע אונ רונקעלע פּאַטיליצעס האָבען זיך בעוועגט ווי אין פיבער. אַללע פענסטער זײַנען געווען פעסט פאַרמאַכט, די היטץ איז געוואָרען ניט צום אויסהאַלטען, די הייסע לופט איז אָנגעזאַפּט מיט דעם ריח פון מענשליכע קערפּער. דאָס פובליקום איז ווײַטער געוואָרען אויסער־זיך פון ענטציקונג, האָט אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער, געשריגען „בראַוואָ!“ ווילד, צוהוליעט.

ווען פּיער איז שוין געווען אויפ'ן טראָטואַר אין גאַס, איז ער געשטאַנען אַ מינוט אונ געפינטעלט מיט די אויגען. די ...יין פון טאָג האָט איהם פאַרדוללט.

דער זייגער איז האַלב פיער. ער בעדאַרף נאָך וואַרטען מעהר פון צוויי שעה, ביז ער וועט געהן אין דיוווילײַארס פּאַלאַץ. וואָס זאָל ער דערווייל טהון? ער האָט בעצאָהלט דעם שמייסער פון דראָשקע אונ גענומען געהן צו פוס איבער די עליסייסקע פעלדער, אפשר וועט ער זיך אַ ביססעל בערוהיגען נאָך היינטיגע אויפרעגונג. ער וועט דערווייל שפּאַצירען לאַנגזאַם, וועט געדולדיג איבער וואַרטען די פּאָר שעה, אַבי אויספיהרען דאָס זײַניגע — לאָוויזאָוו מוז היינט זײַן אין פּריוט.

צוויי גאַנצע שעה מוז ער פאַרליערען אויף גאָר־ניששט אונ דערווייל ליעגט דער אומגליקליכער דאָרט אין דער קאַלטער גרוב, אויף די שמאַטעס, אונ געהט אויס ווי אַ ליכט!... אין פּיערס האַרצען האָט ווײַטער אָנגעהויבען קאָכען; ווי אין אַ קעסעל. ער איז געוואָרען אונגעדולדיג אונ געוואָלט לויפען תּיכּף, אָפּזוכען ערגעץ די באַראָנעססע דיוווילײַאר. זי איז אַוודאי דאָ ערגעץ ניט ווייט, אין איינע פון די שטיללע זײַטיגע גאַססליך. איהם האָט געברענט ווי פײַער, פאַר וואָס, ווען מען בעדאַרף ראַטעווען אַ מענשענס לעבען, מוז ער וואַרטען ביז זי וועט אָפּפאַרטיגען עפּעס אַ געשעפט פון וועלכען די טאָכטער רעדט מיט אַזאַלכע באַזע אויגען.

פֿיער'ן האָט גערַאכט, אַז ער האָרט שוין ווי עס טראַסקעט און ...שיטט זיך אויף ברעקליך די גאַנצע געבײַדע, דער גרויסער בנין פון דער רײַכער פאַמיליע: דער פאָטער געהט אין גאַסט צו אַ געפאַללענער פרויענצימער, די מוטטער איז מיט אַ געליעבטען, דער זוהן און די טאָכטער ווייססען דערפון — און זינקען בײַדע, דער זוהן אין אויסגעלאַססענקייט, די טאָכטער אין באַזקייט, אין געדאַנקען ווי אַזוי אָפּצונעהמען בײַ דער מוטער דעם געליעבטען כּדי זי אַליין זאָל מיט איהם חתונה האָבען.

און די עקיפּאַזשען פליהען אָהן אויפהער איבער דער גראָסאַרטיגער גאַס, מאַססען פוסגעהער שפּאַצירען פרעהליך, לוסטיג אין די זײַטיגע אַלעען. די מענשען זײַנען צופריעדען, און ווייסען גאָר ניט אַז דאָרט, אין עק, איז אָפּען אַ תהום וואו אַללע וועללען אַרײַנפאַללען און פערלאָרען ווערען..

ניט ווייט פון זוממער־צירק האָט פּיער ווידער דערזעהן דעם זעלבּיגען אַרבּײַטער סאַלוואַ זיצט אויף אַ באַנקיל און רוהט זיך אויס נאָך זײַן לאַנגען אַרומגעהן זוכען אַרבּייט, בּלײַבּענדיג אָהן כּחות פון מידקייט און הונגער. פון אונטער זײַן ראָק איז נאָך אַלץ בולט עפּעס אַ זאַך, וואהרשײַנליך אַ שטיק ברויט וואָס ער טראָגט אַהיים. דער אַרבּײַטער איז געזעססען אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלײַצע צום זאָנדטיל פון באַנק, און האָט ווי פאַרטראַכט געקוקט ווי די קלײנע קינדער שפּיעלען זיך אין זאַמד אַנטקעגען איהם. די רויטע אויגען זײַנען אָנגעלאָפּען מיט טרערען, און אויף די בּלאַססע פאַרדאַרטע ליפּען שוועבט אַ שמײכעל פול גוטסקייט און צופריעדענקייט. יעצט האָט פּיער געוואָלט צוגעהן און רעדען מיט איהם, נאָר סאַלוואַ איז פּלוצלינג ערשראָקען געוואָרען, אויפגעשטאַנען און געלאָזט זיך געהן צום צירק, וואו יעצט האָט מען געענדיגט אַ קאָנצערט; ער האָט גענומען וואַנדרעווען נעבען אַרײַנגאַנג פון דער פרעהליכער געבײַדע, וואו צוויי טויזענד גליקליכע האָבען יעצט געהאַט גרויס תענוג הערען אַ זיססע מוזיק.

---

## V.

אַרויפגעהענדיג אויף דעם „פערעאיניגונגס פּלאַטץ" האָט זיך פּיער פּלוצלינג דערמאָנט, אַז ער האָט אָבגערעדט מיט ראָז, זיך זעהן מיט איהם זײַגער פיער אין דער מאַגדעלען קירכע. אַרומלויפענדיג אַגאַנצען טאָג האָט ער גאָר פערגעססען אָן דעם. יעצט איז שוין אַביססעל שפּאַט.

ער האָט גענומען געהן געשווינד און אין האַרצען זיך געפרייט: דערהויל וועט איהם ניט זײַן לאַנגווײַליג און ער וועט אַריבערשטופּען די פּאָר לײדיגע שעה.

אין קירכע איז געווען כּמעט פינסטער; עס האָבען געברענט נור עטליכע

וואַקסינגע ליכט אין הויכע ליַיכטער. לאַנגע שוואַרצע שאַטענס זיינען אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער געביידע, און אין דער דונקעלהייט האָרט זיך אַ קלינגענדיג קלאָרע שטימע; וואָרטער גיסען זיך איינס נאָך דאס אַנדערע ווי אַ פּליסענדער טייך. די קירכע איז אָנגעפּאַקט פול מיט מענשען, וואָס שטעהען און האָרען מיט דער גרעסטער אויפמערזאַמקייט ווי דער בישאָף האַלט זיין רעדע.

דער בישאָף האט געפּריידיגט וועגען דעם „נייען גייסט". היינט איז געווען די דריטטע דרשה מכּח דעם טעמאַט. די ערשטע צוויי האָבען געמאכט אַ גרויסען איינדרוק. גאַנץ פּאַריז איז געקומען איהם האָרען: גרויסאַרטיגע דאַמען, פּאָליטישע מענשען, שרייבער, זורנאַליסטען, וועלכע ער האט צוגעצויגען מיט זיינע פייערינגע מייסטערהאַפטע רעדען.

פּער איז געבליבען שטעהן ביי אַ סלופּ און ניט געגאַנגען יעצט אָפּזוכען ראָזן. דורך אַ פענסטער האט דער לעצטער שיין פון טאָג, אַ קרומער שוואַכער שטראַהל, בעלייכט די פיגור פון דעם פרעדיגער: אַ הויכער און שטאַרקער מאַנן, אָנגעטהון אין אַ קיטעל, די האָר נאָך כּמעט אין גאַנצען שוואַרץ, אָבוואהל ער איז שוין אַריבער פופציג. דאס געזיכט איז שאָן, די אויגען שוואַרצע, לעבעדיגע, די נאָז גראָב, די פאָרמע פון מויל מיט דער מאָרדע וויַיזט, אַז ער האט אַ פעסטען כאַראַקטער.

די לעצטע צייט האט ער זיך פאַרגענומען מאַכען אַ שלום צווישען דער פראַנצאָזישער רעפּובליק מיט דער קאַטוילישער רעליגיע, גענוי ווי דער פאַפּסט לעאָן דער דרייצעהנטער אין רוים פערלאַנגט. וועגען דעם געדאַנקען האט דער בישאָף כּסדר געדרשת און זיינע רייד האָבען געמאַכט אַ גרוים רושם.

פּיער האט איהם ניט זעהר ליעב געהאט, נאָר פאַר איין זאַך איז ער איהם געוועזען דאַנקבּאַר — וואס ער האט אַ טובה געטהון ראָזן מען זאָל איהם ניט אַרויס־טרייבען פון פאַריז, דערפאַר וואס ער איז צופיעל היציג אין צדקה.

דעם בישאָפ'ס שטימע האט געקלונגען פון דער בימה אַלץ העכער און העכער. ער האט אויסגעוויזען דעם אויפמערקזאַמען פּובליקום דעם גרויסען נוטצען וואס דער „נייער גייסט" וועט ברענגען פאַר פראַנקרייך. דער שלום צווישען דער רעפּובליק מיט דער רעליגיע וועט פראַנקרייך מאַכען צוריק שטאַרק און גרויס און עס וועלען פאַר איהר קומען גליקליכע צייטען.

פּיער האט געהערט אויפמערקזאַם די דרשה, האט אָבער פאַרשטאַנען די כּוונה פון איהר. דער מיין איז פראָסט: דער פּאַפּסט וואס האט פאַרלאָרען זיין ממשלה אויף דער ערד, וויל דורכאויס צוריק זיך אָנהייבען מישען אין פּאָליטיק. ער האט איינגעזעהן אַז אין פראַנקרייך קען שוין ניט זיין מעהר קיין קיסר, די רעפּובליק שטעהט פעסט און האט גאָר ניט בדעה בטל ווערען, על כּן צו וואס טויג איהם זיין צוקריגט מיט דער רעפּובליק? בעסער מאַכען מיט איהר שלום, אַרייננעהמען זי אין זיינע הענט, פיהרען זי און אויף אַזאַ אופן רעגירען איבער פראַנקרייך... דאס

הייסט דער „נייער גייסט“. דאס איז אָבער גאר ניט ניי, ס'איז שוין אַלט מתושלחס יאָהרען — דער פּאפּסט בעגנינט זיך ניט מיט'ן הימעל אַליין, ער ווילל רעגירען אויף דער וועלט אויך, ווילל זיין דער פיהרער פון דער גאנצער פּאָליטיק, איינגעהמען די גאנצע ערד...

פּיער'ן האָט געדאכט, אז צווישען דעם פּובליקום דערקענט ער עטליכע דעפּוטאטען, וועלכע ער האָט היינט געזעהן אין פּארלאַמענט. אט דאָרט דאַכט זיך שטעהט איינער פון דעם מיניסטער מאַנפּעראַן'ס מענשען — יענער הויבער הערר מיט דעם בלאָנדען באָרד, וואָס האָרט זיך צו מיט אזא ערענסט פּנים... מען זאָגט, אז מאַנפּעראַן, וואָס איז פריהר געווען א דם שונא די גלחים, האט היינט אָנגעהויבען שטארק ראַמאַנסירען מיט זיי.

צווישען די גייסטליכע איז אַ איבערקעהרעניש, אַ געררודעריי: פון רוים איז אָנגעקומען אַ סעקרעטנער בעפעהל, זיי זאָלען זיך חבר'ן ווי אם מעהרסטען מיט דער פראַנצאָזישער רעגירונג, אַריינגאַרען זי אונ — איינשלינגען. פראַנקרייך איז דאָך פאָרט די עלטסטע טאָכטער פון דעם קאטוילישען גלויבען, די איינציגע גרויסע נאציאָן וואָס איז גענוג געזונט אונ שטארק, אונ מיט דער צייט קען דער פּאפּסט דורך איהר צוריק בעקומען די מאַכט, די ממשלה אויף דער וועלט. על כן מוז מען זיך אונטערחנפה'נען דער פראַנצאָזישער רעגירונג, וועלען מיט איהר גוט־ברודער, זי מאג אפילו זיין אַ רעפּובליק. דארום זוכט דער בישאָף מארטא, דער פרעדיגער, האלטען פאר'ן מיניסטער אונ דער מיניסטער פון זיין זייט רעכענט פאר נוטצליך אָנלעהנען זיך אויפ'ן בישאָף. די פראַגע איז: ווער וועט וועמען איינשלינגען?...
אונ וואָס פאר אַ ראָלע שפּיעלט דא די רעליגיע? מען בענוצט זיך מיט איהר צו אינטריגען, האָבען מעהר דעות אין פּארלאַמענט, וועלען אָדער בלייבען אַ מיניסטער אָפּלעקען אַ פעט ביינדיל...

דער בישאָף האָט געענדיגט זיין דרשה. די צופריעדענע צוהערער האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען פון קירכע, עס זיינען געבליבען נאר עטליכע פרויען, וואָס האָבען געקניעט מיט אַ שטיללען געבעט. פּ י ע ר האט זיך געשטעללט אויף די שפּיץ פינגער אונ געזוכט מיט די אויגען דעם אַלטען ר א ז, פּלוצלינג האט ער דערפיהלט ווי עמיצער ריהרט איהם אָן מיט'ן האנד. ער האט זיך אומגעקוקט — דאס איז טאקי ר א ז!

— איך בין געשטאנען דאָרט ביי דער בימה אונ האָב אַייך די גאנצע צייט געזעהן. כ'האָב אָבער ניט געוואָלט שטופּען זיך אונ געוואַרט ביז צום סוף. וואָס פאר אַ וואונדערליכע דרשה! ווי גראָבסאַרטיג ער רעדט!

— ער האט ווירקליך אויסגעזעהן זעהר געריהרט, צוטראָגען. זיינע קינדערישע אויגען זיינען געווען ווי מיט אַ טומאַן בעצויגען, אויף זיין געזיכט איז געלעגען אַ טרויעריגקייט.

— איך האָב מורא געהאט איהר זאָלט ניט אַוועקגעהן אומגעזעהן מיט מיר,

װעהְרֶענְד אִיךְ הָאבּ אַייךְ עֶפֶּעס צוּ עֶרְצֶעהְלֶען . . . אִיהְר גֶעדֶענְקְט דָאךְ נָאךְ אַוַדַאי דֶעם אָרִימֶען אַלְטֶען מַאנְן צוּ װעלְכֶען אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעבֶּעטֶען אַרַיינְגֶעהְן . . . אַלְזָא קוּמֶענְדִיג הַיינְט אַהֵיים הָאבּ אִיךְ גֶעטְרָאפֶּען אַ דַאמֶע — זִי בְּרֶענְגְט מִיר מַאנְכֶעס מָאל גֶעלְט פַאר אָרִימֶע לַייט . דַאמָאלְס אִיז מִיר אַיינְגֶעפַאלְלֶען, אַז דְרַיי פְרַאנְק, װָאס אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער פְרִיה, זַיינֶען װִירְקְלִיךְ װֶעהְר װֶענִיג . װָאס קֶענֶען קְלֶעקֶען דְרַיי פְרַאנְק ? דֶער גֶעדַאנְקֶען הָאט מִיךְ אַ גַאנְצֶען טָאג גֶעמוּטְשֶׁעט, אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְהַאלְטֶען אוּנ בִּין אַלֵיין אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער סָאל נָאס . . .

עֶר הָאט גֶערֶעדְט גַאנְץ שְׁטִיל, נִיט שְׁטֶערֶען דִי טִיעפֶע שְׁטִילְלַקֵייט פוּן קִירְכֶע .
עֶר הָאט גֶעשְׁטַאמְמֶעלְט, זַאאִיקֶעט זִיךְ פוּן גְרוֹיס אוֹיפְרִיהְרוּנְג אוּנ פוּן חֶרְפָּה װָאס עֶר אִיז צוּרִיק אַרַיינְגֶעפַאלְלֶען אִין זַיין אַלְטֶע שְׁװַאכְקֵייט: טְהוּן צְדָקָה בְּלִינְד, אָהְן רֶעכְנוּנְג, אָהְן טָאלְק, פַאר װֶעלְכֶע זַיינֶע אוֹיבֶּערְהֶערְשֶׁער הָאבֶּען אִיהְם שְׁטֶענְדִיג גֶעמוּסְרְט . . . גַאנְץ שְׁטִילְל, מִיט אַ צִיטֶערְדִיגֶע שְׁטִימְמֶע, הָאט עֶר גֶעעֶנְדִיגְט זַיין גֶעשְׁפְּרֶעךְ :

— אוּנ שְׁטֶעלְלט אַייךְ פָאר מַיין עַגְמַת־נֶפֶשׁ, מַיין קְרֶענְקוּנְג : אִיךְ בְּרֶענְג דֶעם אַלְטֶען אוּמְגְלִיקְלִיכֶען פִינְף פְרַאנְק אוּנ גֶעפִינְן אִיהְם — אַ טוֹידְטֶען .

בִּיֶער הָאט אַ צִיטְטֶער גֶעגֶעבֶּען, דֶערְהֶערֶענְדִיג פְּלוּצְלִיג דִי נַאכְרִיכְט . אַנְפַאנְגְס הָאט זִיךְ אִיהְם גָאר נִיט גֶעוָואלְט גְלוֹיבֶּען .

— װָאס הֵייסְט גֶעשְׁטָארְבֶּען ? דֶער אַלְטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען ? . . . לַאווְיָאוו ?

— יָא, אִיךְ הָאבּ אִיהְם שׁוֹין גֶעפוּנֶען אַ טוֹידְטֶען . . . אָ! אִין װָאס פַאר אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער אָרִימְקַייט! גְלַייךְ װִי אַ אַלְטֶע בְּהֵמָה, װָאס פַּגֶרְט אִין אַ גְרוּבּ, אוֹיף אַ הוֹיפֶען שְׁמַאטֶעס . פוּן דִי שְׁכֵנִים אִיז קֵיינֶער נִיט גֶעוֶועזֶען בַּיי אִיהְם; עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּם װַאנְט אוּנ אַרוֹיסְגֶעלָאזְט דִי נְשָׁמָה . . . דָאס צִימְמֶער אִיז לֶעעֶר, קַאלְט! װָאס פַאר אַ פֶערְצְװֵייפְלוּנְג, װָאס פַאר אַ הַארְצְװֵייטָאג אִיז דָאס דֶעם אָרֶעמַאנְן שְׁטַארְבֶּען אַזַא טוֹידְט, אָהְן עֶמִיצֶענְס אַ טְרֶער, אָהְן אַ גוּט װָארְט! אַךְ, מִיר װֶערְט נָאךְ יֶעצְט דָאס הַארְץ צוּרִיסְסֶען אוֹיף שְׁטִיקֶער! . . .

פְּיֶער אִיז גֶעשְׁטַאנְעֶן אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶער . עֶס הָאט אִין אִיהְם גֶעקָאכְט דֶער כַּעַס אוֹיף דִי אוּנְבַּארִימְדִיגֶע מֶענְשֶׁען . אִיז דֶער אַלְטֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען װַייל עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעסֶען מִיטְ'ן בְּרוֹיט נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶאג הוּנְגֶער ? אָדֶער זַיינֶען אִיהְם אֵיינְפַאךְ דִי כֹּחוֹת אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ אַ לֶעבֶּען פוּן שְׁטֶאנְדִיגֶע צָרוֹת, דַחְקוּת, מַאטֶערְנֶעשׁ אוּנ נוֹיטְהָ ? אִיבְּרִיגֶענְס װָאס אִיז דִי נַפְקָא־מִינָה פוּן װֶעלְכֶע אוּרְזַאכֶע עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען ? דֶער טוֹידְט אִיז גֶעקוּמֶען אוּנ הָאט אִיהְם בֶּעפְרַייט .

— מִיר טְהוּט נִיט לֵייד אוֹיף אִיהְם — הָאט עֶר עֶנְדְלִיךְ אַרוֹיסְגֶערֶעדְט — נָאר אוֹיף אוּנְז אַלֵיין, אוֹיף אוּנְז, װָאס גֶעפִינֶען זִיךְ בַּיי אַזֶעלְכֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע סְצֶענֶעס . מִיר זַיינֶען דַארִין שׁוּלְדִיג . . .

— נֵיין נֵיין, זוּהְן מַיינֶער, סְ'אִיז אַ נְ'עֲבֵרָה זִיךְ בֶּעקְלָאגֶען! אוֹיבּ מִיר אַלְלֶע

זײַנֶען שׁוּלְדִיג, בֶּעדַארְפֶען מִיר בֶּעטֶען גָאט עֶר זָאל אוּנְז מוֹחֵל זַיין אוּנְזֶערֶע זִינְד . . . אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶערוּפֶען אַהֶער מִיט דֶער הָאפְּנוּנְג אַז אִיהְר וֶועט מִיר בְּרֶענְגֶען אַ גוּטֶע נַאכְרִיכְט, לְסוֹף הָאבּ אִיךְ אַלֵיין גֶעמוּזְט אַייךְ אָנְזָאגֶען אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶע זַאךְ . . . לָאמִיר בֶּעטֶען פַאר זַיין נְשָׁמָה . . .

אוּנ עֶר אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלְלֶען אוֹיף דִי קְנִיעַ אוֹיף דֶער שְׁטֵיינֶערְנֶער פָאסַאדְזֶקֶע, אַיינְגֶעבוֹיגֶען דֶעם גְרוֹיֶען קָאפּ אוּנ לַאנְג גֶעבֶּעטֶען.

פְּיֶער אָבֶער הָאט נִיט גֶעקָאנְט בֶּעטֶען. אִין אִיהְם הָאט גֶעקָאכְט אוּנ גֶעזָאטֶען. עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן אוּנ גֶעצִיטְטֶערְט פוּן דִי פִּיס בִּיז צוּם קָאפּ. דָאס הַארְץ הָאט אִיהְם גֶעטְרִיפְט מִיט בְּלוּט, דִי בְּרֶענֶענְדִיגֶע אוֹיגֶען זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען טְרוּקֶען.

לַאוְויָאוו אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען דָארְט, אִין דֶער נָארֶע, אוֹיף אַ בַּארְג שְׁמַאטֶעס מִיט מִיסְט, אוּנ לִיעגְט מִיט צוּנוֹיפְגֶעקְארְטְשֶׁעטֶע הֶאנְד, גְלַייךְ עֶר ווִילל נָאךְ נִיט אָפְּלָאזֶען זַיין קַאטֶערְזְשְׁנֶע לֶעבֶּען, וֶועהְרֶענְד עֶר אִיז דֶערוַוייל אַרוּמְגֶעלָאפֶען אִיבֶּער פַּארִיז, פַארְזָארְגֶען אִיהְם אוֹיף'ן אָבֶענְד מִיט אַ רֵיינֶעס, וַוארֶעמֶען גֶעלֶעגֶער! ווִי דֶער שִׁיקְזַאל שְׁפֶּעט אָפּ פוּן אוּנְז! וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ אִיז עֶר גֶעוֶועסֶען בַּיי דִיוִוילְיַאר אִין דֶעם וַוארֶעמֶען בְּלוֹיֶען גַאסְט-צִימְמֶער, אִין דֶער זֶעלְבֶּער מִינוּט וֶוען דֶער אַלְטֶער א׳׳׳לִיקְלִיכֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען. אוּנ צוּלִיעבּ דֶעם מֵת אִיז עֶר נָאכְדֶעם גֶעלָאפֶען צוּ פַארְלַאמֶענְט, צוּ מַאדַאם קֶענְסַאק, צוּ סִילְוְויַאנַאן אוּנ צוּ רָאזֶעמָאנְדֶען; צוּלִיעבּ דֶעם מֵת, וָואס אִיז שׁוֹין בֶּעפְרַייט גֶעוָוארֶען פוּן ווִיסְטֶען לֶעבֶּען, אִיז עֶר, פְּיֶער, אוּמְזָאנְסְט צוּגֶעשְׁטַאנְגֶען ווִי אַ קְלֶעק צוּ מֶענְשֶׁען, בֶּעאוּנְרוּהִיגְט עֶגָאִיסְטֶען, נִיט גֶעלָאזְט רוּהֶען אֵיינֶע, דִי אַנְדֶערֶע גֶעשְׁטֶערְט פוּן זֵייעֶרֶע פֶערְגְנִיגֶען!

צוּ וָואס הָאט עֶר גֶעבְּרוֹיכְט פוּן פַארְדָארְבֶּענֶעם פַארְלַאמֶענְט לוֹיפֶען אִין דֶעם אַלְטֶען קַאלְטֶען זַאל, וואוּ עֶס לִיגְט דֶער שְׁטוֹיבּ פוּן אַלְטֶע דוֹרוֹת, פוּן דָארְט קְרִיכֶען אִין דֶעם נֶעסְט פוּן אוֹיסְגֶעלַאסְטֶענְקַייט אוּנ נָאכְדֶעם אוֹיף דֶעם בַּאל פוּן הַאלְבֶּע מְשׁוּגָעִים? צוּ וָואס הָאט דָאס אַלְץ גֶעטוֹיגְט אַז דֶער אָרִימֶער אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אַ גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער! צוּ וָואס הָאט עֶר זִיךְ ווִיעדֶער אַזוֹי צוּהִיצְט טְהוּן אַ מִצְוָה, זַיין בַּארְמְהֶארְצִיג, צוּ וָואס הָאט עֶר זִיךְ אַזוֹי אוּמְזָאנְסְט צוּפְלַאקֶערְט אוּנ יֶעצְט אִיז פוּן גַאנְצֶען פַייֶער גֶעבְּלִיעבֶּען אִין אִיהְם נָאר קַאלְטֶער אַשׁ! דָאס הַארְץ אִיז פַארְשְׁטֵיינֶערְט, פַארְקִיהְלְט, ווִי אִין אַ קֶבֶר!

דִי פוּסְטְקַייט, דִי לֶעדִיגְקַייט, וָואס עֶר הָאט אִין דֶער פְרִיה גֶעפִיהְלְט נָאכְ'ן גֶעבֶּעט, וֶוערְט אַלְץ טִיעפֶער אוּנ טִיעפֶער — ווִי אַ תְּהוֹם.

פְּיֶער הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט גְלוֹיבֶּען אַז נְדָבוֹת קֶענֶען בְּרֶענְגֶען עֶפֶּעס אַ נוּטְצֶען; עֶס אִיז וֶועניג צוּ זַיין בַּארְמְהֶארְצִיג; גֶערֶעכְטִיגְקַייט אִיז דִי הוֹיפְּטְזַאכֶע. זַייט רֶעכְטפַארְטִיג, אֶמֶתְדִיג, וֶועט דֶער דַלוּת אַלֵיין פוּן זִיךְ פַארְשְׁוואוּנְדֶען וֶוערֶען, אוּנ מֶען וֶועט נִיט בְּרוֹיכֶען אַייעֶר רַחֲמָנוּת, אַייעֶרֶע נְדָבוֹת. עֶס פֶעהְלְט נִיט אִין פַּארִיז קֵיין גוּטְהַארְצִיגֶע מֶענְשֶׁען; וָואהְלְטְהֶאטִיגֶע הַייזֶער אוּנ חֶבְרוֹת וֶוערֶען גֶעבּוֹירֶען מַאסְסֶען.

ווי די גרינע בלאטטער אין פריהלינג. זיי זיינען געמאכט פאר פערשיעדענע אונגליקקען, פערשיעדענע מענשליכע צרות אונ סכנות. די קינדער העלפט מען נאך עהדער זיי ווערען געבוירען, וייל מען זארגט פאר די קינפעטארינס. ווייטער איז דא פינדעלהייזער, פריוואטע פאר יתומים פון אללערליי קלאססען; מען זארגט זיך אויך פאר ערוואקסענע מענשען ווען עס טרעפט זיי א אומגליק, פאר אלטע לייט; שפיטאלען, הקדשים, פריוואטע זיינען פול ווי די גריבעס... כסדר, אהן אויפהער, שטרעקט מען אויס די האנד העלפען אללע פערוואָרפענע, אללע עלענדע, אפילו פערברעכער, זינדיגע; עס ווערען בעשאפען חברות צו העלפען שוואכע, חברות צו אפהיטען פון עבירות, הייזער פאר בעלי־תשובות וואס ווילען ווערען גוט אונ פרום. עס פלאדערן זיך אללערליי צדקה־זאכען, חברות, געזעלל־שאפטען, פעראיינינונגען צו שיצען, צו שטיצען, צו ראטעווען; מיט איין ווארט: מען וואלט געקאנט א גאנץ בוך פארשרייבען אז מען זאל וועלען אויסרעכנען אללע גנאדיגע אנשטאלטען, אללע צדקה־גרינדונגען פון דעם גרויסען פאריז. וואס איז אבער דער פועל־יוצא פון דעם אלעמען? וואס איז דער רעזולטאט? — זיי ברענגען קיין שום נוטצען ניט!

נאך אזוי פיעל דורות פון בארמהערציגקייט איז נאך קיין איינציגע וואונד פארהיילט געווארען, די ארעמקייט לא די וואס זי איז ניט וועניגער געווארען, נאר פארקעהרט, זי וואקסט אונ ווערט שרעקליכער, ערגער; די קראנקהייט ווערט אימער שטארקער, אזוי אז איין איבעריגען טאג איז שוין ניט מעגליך זי אויסהאלטען, וייל די מענשליכע אומגערעכטיגקייט איז ניט פארשוואונדען אונ אפילו ניט שוואכער געווארען...

פיער האט געפיהלט אזא ביטטערקייט אין הארצען, אז ער האט לאנגער שוין ניט געקאנט בלייבען אין דער דונקעלער געביידע. דאך האט ער ניט געוואלט אוועקגעהן אומגעזעגענט מיט ראזען, וואס גלויבט נאך אזוי אונשולדיג, ווי א קינד.

דערווייל האט זיך ראז אויפגעהויבען אונ אנגעהויבען רעדען:

— אך, מיין ליעבער זוהן, ווי שווער איז צו זיין גוט מיט פארשטאנד. דער בישאף האט מיך היינט ווייטער אויסגעמוסרט. ווען ניט די האפפנונג אז גאט וועט מיר מוחל זיין, וואלט איך געוויסס מורא געהאט אז מיין נשמה איז א פערפאללענע.

פיער איז א ווייל שטעהן געבליעבען אויף דער אויבערשטער טרעפ פון ברייטע פאליש אונ האט געקוקט אויף דער גאס. גלייך אנטקעגען האט זיך געצויגען די ראיאל גאס, וואס האט אנגעשפארט ביז צו דעם „פעראייניגונגס פלאץ" מיט זיין שאנעם שפיצינגען פאמיאטניק אונ מיט די צוויי גרויסע פאנטאנגען, פון וועלכע עס ווערט הויך דאס וואסער. נאך ווייטער, נאר אין עק אנטקעגען, זעהט מען די

בלאססע סלופעס פון פארלאמענט, גלייך ווי זיי זיינען פערוויקעלט אין א דינעם טול. דאס גאנצע בילד איז זעלטען, גראסארטיג שאן אונטער דעם קיילעכדיגען דאך פון ריינעם הימעל, וואס ווערט אלץ דונקעלער און בלאססער. אין דעם פארנאכטיגען שיין זעהן אויס די גאססען נאך ברייטער, די פאמיאטניקעס אפגערוקט ווייט, פארטומאנעט, לופטיג ווי א חלום. קיין שטאדט אין דער גאנצער וועלט קען זיך ניט בריהמען מיט אזא פראכטיגער זעלטענער דעקאראציע, אזא וואונדערליכען ראסקאש, ווי פאריז אין אזא שעה, ווען די אנקומענדע נאכט פארציהט אויף איהר א פאנטאסטישען שלייער...

טרויעריג, פארטראכט איז פ ע ר געשטאנען און געקוקט אויף דער אויסגעשפרייטער שטרעקע. וואהין זאל ער יעצט געהן? וואס זאל ער אצונד טהון? זאל ער געהן צו ד י ו ו י ל י א ר — צו וואס? לאוויאוו איז דאך שוין געשטארבען! אלזא וואו געהט מען יעצט? — דער איינפאכער געדאנקען אז ער האט דאך א אייגענע דירה און דאס גלייכסטע וואלט געוועזען געהן אהיים, איז איהם גאר ניט איינגעפאללען. ס'האט איהם אלץ געדאכט, אז ער האט צו טהון עפעס א וויכטיגע זאך — וואס? ווייס ער זעלבסט ניט אויף ריכטיג. לאנגזאם, מיט שווערע טריט און מיט א פארדרייטען קאפ, איז ער אראפגעגאנגען פון די טרעפ און גענומען וואנדערען אויף דעם בלומען מארק. דארט זיינען יעצט געוועזען גאנץ ווייניג בלומען; עס איז נאך צו קאלט. דאמען האבען געקויפט פיאלקעס און רויזען וואס מען האט געבראכט פון איטאליען. פ ע ר האט א ווייל בעטראכט די בלומען, גלייך ווי ער וואלט זיך ווירקליך אינטערעסירט מיט זייערע איידעלע, שאנע, שמעקענדיגע בלעטעלעך. באלד אבער האט איהם אנגעהאפט א נ'עקעל און ער איז אוועק אויף די בולווארען.

לאנג, לאנג איז פ ע ר געגאנגען, ניט ארומגעקוקט זיך און ניט געוואוסט וואהין און צו וועלכען צוועק געהט ער. די פינסטערניש, וואס איז געווארען אלץ גרעססער, האט איהם איבערראשט, גלייך ווי דאס וואלט געוועזען עפעס א נייעס, א אונגעוואהנליכע זאך. ער האט אויפגעהויבען די אויגען אין דער הויך און זיך געוואונדערט וואס דער הימעל איז אזוי בלאסס געווארען און צופאססעוועט מיט שווארצע קוימענס. ער איז אויך ערשטוינט געווארען דערזעהענדיג אויף אלע באלקאנען גרויסע גאלדענע בוכשטאבען פון די שילדען, וואס בליאסקען אנטקעגען די לעצטע שטראהלען פון דער זון. פריהער האט ער גאר קיינמאל ניט בעמערקט די פארשיעדענע פארבען פון די הייזער, די קאלירטע שויבען, די ראלעטען, העללע אפישען, ראסקאשנע מאגאזינען וואס זיינען ארויסגעשטעללט פריי פאר אללעמענס אויגען. און אויפ'ן ברוק פון גאס, אין דער לאנג פון די טראטואארען, צווישען די סלופעס און די רויטע, בלויע און געלע קיאסקען, וואס פאר א ג'עם רב, וואס פאר א געטומעל, וואס פאר א יאגעריי! עקיפאזשען פליהען מיט א געהילכעריי ווי א שטורמדיגער טייך; אין מאנכע ערטער זיינען די חוואליעס עקיפאזשען איבערגעריססען דורך שווערע אנגעלאדענע גרויסע אמניבוסען; און פון ביידע זייטען פלייצען

הוּנְדֶערְטֶעד־טוֹיזֶענְדֶער פִיסְגֶעהֶער, עֶס קָאכְט וִוי צְווִישֶׁען דִי מוּרַאשְׁקֶעס. פוּן וַואנֶען נֶעהמְט זִיךְ אַזוֹי פִיעל פָאלְק? וָואהִין יָאגֶען זִיךְ דִי אַלֶע עֶקְזַאלְטִירְטֶע? אַ, וִוי שְׁוֶוער, וִוי שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז צוּ קוּקֶען אוֹיף דֶעם אַלֶעם.

אוּנ פֶ עֶ ד אִיז אַלְץ גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער, אָהן אוֹיפְהֶער, פֶערְזוּנְקֶען אִין זַיינֶע פִינְסְטֶערֶע גֶעדַאנְקֶען. עֶס הָאט אָנְגֶערוּקְט דִי נַאכְט; מֶען הָאט אָנְגֶעצוּנְדֶען דִי עֶרְשְׁטֶע גַאז פַייֶערְלִיךְ, דִי גְרוֹיסֶע עֶלֶעקְטְרִישֶׁע קוּגְלֶען הָאבֶען אָנְגֶעהוֹיבֶען שַׁיינֶען. פוּן אַלֶע זַייטֶען בְּלִישְׁצֶען לָאמְפֶּען, דִי מַאגַאזִינֶען בֶּעלַייכְטֶען זַייעֶרֶע גְלֶעזֶערְנֶע דֶעקֶען. בַּאלְד הָאט זִיךְ אוֹיף דִי בוּלְוַוארֶען אַ גָאס גֶעגֶעבֶּען אַ גַאנְצֶער לֶעבֶּענְדִיגֶער שְׁטְרָאם שְׁטֶערֶענְדְלִיךְ פוּן דִי קַארֶעטֶעס, אוּנ דִי טְרָאטוּאַרֶען זַיינֶען פַארְגָאסֶען מִיט אַ הֶעלֶער, פַארְבְּלֶענְדֶענְדֶער לִיבְּטִיגְקַייט פוּן דִי לַאמְטֶערְנְס אוּנ דִי זְשִׁירַאנְדָאלֶען פוּן דִי מַאגַאזִינֶען.

דִי טָאג־אַרְבֵּייט הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט. דִי פְרֶעהלִיכֶע שְׁטָאדְט מַאכְט יֶעצְט אִילוּמִינַאצִיֶע, בֶּעלַייכְטוּנְג; עֶס הֵייבְּט זִיךְ אָן דִי נַאכְט מִיט אִיהרֶע בֶּאלֶער אוּנ לוּסְטִיגְקַייט. עֶס פוּנְקֶלֶען דִי קַאוֶוע־הַייזֶער, דִי וַויינְהַאנְדלוּנְגֶען, דִי רֶעסְטְרַאנֶען מִיט דִי גְרוֹיסֶע שְׁפִּיגֶעלְגְלֶאזֶער, מִיט דִי וַוייסֶע טִישְׁלִיךְ, מִיט דִי פְּרַאכְטִיגֶע אוֹיסְשְׁטֶעללוּנְגֶען אִין דִי פֶענְסְטֶער אוּנ בַּיי דִי טְהִירֶען, פַארְנַארֶען, צוּצִיהֶען דֶעם פּוּבְּלִיקוּם. פַּארִיז הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעוֶועקְט קוֹים הָאט נָאר אַ בְּלִיאַסְק גֶעגֶעבֶּען דָאס עֶרְשְׁטֶע לִיכְטֶעל, אוּנ זִיךְ אַ וָוארְף גֶעטְהוּן אוֹיף אַלֶע פֶערְגְנִיגֶען וֶועלְכֶע מֶען קֶען נָאר קוֹיפֶען פַאר גֶעלְט...

פְלוּצְלִינְג הָאט מֶען פֶ עֶ ד'ן שִׁיעֶר נִיט אִיבֶּערְגֶעקֶעהרְט. אַ גַאנְצֶע בַּאנְדֶע יוּנְגֶען וָואס פַארְקוֹיפֶען צַייטוּנְגֶען אִיז אָנְגֶעלָאפֶען פוּן אַ ווִינְקֶעל אוּנ אַ לָאז גֶעטְהוּן צְווִישֶׁען עוֹלָם, שְׁרַייעֶנְדִיג מִיט אַ קוֹל, מֶען זָאל קוֹיפֶען דִי אָבֶענְד־צַייטוּנְגֶען. אַם מֶעהרְסְטֶען אִיז גֶעוָוארֶען אַ רַעשׁ פוּן דִי גֶעשְׁרֵייעֶן וֶועגֶען אַ נַייע נוּמֶער „פָאלְקְס שְׁטִימְמֶע". הַייזֶערִיגֶע אוּנ קְווִיטְשִׁיגֶע קוֹלוֹת הָאבֶען אָהן אוֹיפְהֶער גֶעשְׁרִיעֶן: „קוֹיפְט דִי „פָאלְקְס שְׁטִימְמֶע"! אַ נַייעֶר סְקַאנְדַאל מִיט אַפְרִיקַאנִישֶׁע אַייזֶענְבַּאהנֶען; דִי מַפָּלָה פוּן מִינִיסְטֶערִיוּם; צְוַוויי אוּנ דְרַייסִיג אִיבֶּערְגֶעקוֹיפְטֶע דֶעפּוּטַאטֶען אִין פַּארְלַאמֶענְט אוּנ אִין סֶענַאט!" אוּנ אוֹיף דִי נַאזֶעטֶען וָואס דִי יוּנְגֶען הָאבֶען גֶעפַּאכְט אִין דֶער הוֹיךְ וִוי מִיט פָאנֶער, זַיינֶען דִי זֶעלְבֶּע וֶוארְטֶער גֶעוֶוען אָפְּגֶעדְרוּקְט מִיט גְרוֹיסֶע בּוּכְשְׁטַאבֶּען. דֶער עוֹלָם אִין נַאס אִיז וַוייטֶער גֶעלָאפֶען זַיין וֶועגְס אוּנ זִיךְ גַאנְץ וֶועניג אִינְטֶערֶעסִירְט מִיט דִי גֶעשְׁרֵייעֶן; זֵיי זַיינֶען שׁוֹין גֶעוָואהנְט צוּ דֶעם שְׁמוּץ, זֵיי אִיז שׁוֹין דֶערְעֶסֶען דִי פַּאסְקוּדְסְטְווָא. נָאר וואוּ־נִיט־וואוּ הָאט זִיךְ אַיינֶער אָפְּגֶעשְׁטֶעללְט אוּנ גֶעקוֹיפְט אַ בְּלַאט צַייטוּנְג. דִי גַאסֶען־פְרוֹיעֶן, וָואס זַיינֶען אַרוּם אוֹיף דִי בּוּלְוַוארֶען זוּכֶען אַ מִיטְטָאג, הָאבֶּען גֶעשְׁלֶעפְּט דִי סְפֶּאדְנִיצֶעס אִיבֶּער דִי טְרָאטוּאַרֶען, אוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף אַ לִיעבְּהָאבֶער אוּנ גֶעוָוארְפֶען אַ גְ'אוּג אוֹיף דִי רֶעסְטָאַרַאנֶען. דֶער אוּנְפֶערְשֶׁאמְטֶער גֶעשְׁרֵיי פוּן דִי נַאזֶעטֶען־פַארְקוֹיפֶער, וָואס אִיז גֶעוֶוען יֶעדֶען וִוי אַ פַּאטְשׁ אִין פָּנִים, הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען וִוי דִי לֶעצְטֶע חַארְחְלֶעבֵיי פַאר'ן

מויט פון גאנצען פאלק עהדער די אויסגעלאססענע נאכט קומט אן...

פיער האט זיך ווידער דערמאנט דעם היינטיגען פריהמארגען, די שרעקליכע סצענעס דארט אין דעם הויז אויף דער סאל גאס, וואו ס'האט זיך אנגעזאממעלט אזוי פיעל ארעמקייט אונ עלענד. איהם האט זיך ווידער פארגעשטעלט דער הויף, שמוציג ווי א נ'אפטרעט, די שטינקענדיגע טרעפ, די פינסטערע, קאלטע אונ הוילע דירות, וואו פאמיליעס האבען זיך ארומגעריססען אונ געשלאגען פאר א אבשיילין שפייז וואס אפילו א הונד פון גאס וואלט דאס ניט געוואלט שמעקען; וואו די מיטטער מיט אויסגעטריקענטע בריסט האבען געשאקעלט די פערקייכטע קינדער; וואו אלטע לייט וואלגערן זיך אין די ווינקלען ווי בהמות אונ געהען-אויס פון הונגער אויף מיסט. צוזאממען מיט די סצענעס האט זיך איהם אין קאפ געריסעוועט אלץ וואס ער האט נאכדעם געזעהן, אין פערלויף פון גאנצען טאג — די פראכט, די פרייד אין די סאלאנען וואו ער איז היינט געוועזען — דער גאנצער שמאלצער ראסקאש פון דעם רייכען פאריז, פון דעם פאליטישען אונ וועלטליכען פאריז, אונ יעצט, צום סוף, פאר נאכט, איז ער א-ייינגעפאללען אין דעם פאריז פון סדום ועמורה, וואס צינדט אן פייערן אונ גרייט זיך צו צו דער נאכט פון ניעדערטרעכטיג־קייטען, א נאכט פון תאוות אונ אויסגעלאסענקייט. אונ דער הימעל, דער ריינער הימעל מיט די ערשטע ריינע, ציטטערענדע שטערנדליך, ווערט דונקעל, פארחאמערט זיך, צוזעהענדיג די אללע מענשליכע פערדארבענהייט, מאוסקייט...

א שרעק איז בעפאלען פיער'ן טראכטענדיג וועגען די אללע אונגערעכטיג־קייטען. אללע צרות, אלץ וואס טהוט זיך ביי די נידעריגע קלאססען מענשען אין ארעמקייט אונ עבירות, אונ ביי די העכערע קלאססען — אין עשירות אונ פערברעכען. איינע הולעען אונ ווערען משוגע פון גרויס וואהלטאג, אונ די אנדערע פוחנען פון הונגער אונ ווערען משוגע פון צרות... די אומגערעכטיגקייט, די עולה קאנן שוין נאר גראססער אונ שרעקליכער ניט זיין. פון וועלכען שווארצען וואלקען וועט ארויסזעצען דער בליץ? ער ווארט שוין לאנג אויף דעם נקמה-בליץ. פון אלע זייטען הערט זיך שוין רומפע קלאפ פון דונערען... עס איז שוין פארפאללען. די שרעקליכע חבארע רוקט זיך וואס אמאל נאהנטער, די קאטאסטראפע מוז קומען...

נאך קיינמאל האט ער ניט געפיהלט אז די איז אזוי נאהענט ווי יעצט, זעהענדיג די גליקליכע עזותקייט פון איין זייט אונ די פארשטיינערטע פערצווייפלונג פון דער אנדער זייט. די חבארע קלייבט זיך, אונ וועט גיוויס באלד אנהויבען קלאפען, זעטצען, רייסען איבער דעם זינדיגען, עזותדיגען פאריז. די אויסגעלאססענע שטאדט וועלכע אז עס קומט די נאכט צינדט זי אן איהר פייערדיגען אויגען...

מיעד פון געהן, צושלאגען, צובראכען פון אויפרעגונג אונ הארצוועהטאג איז פיער ארויף אויפ'ן אפערן-פלאץ אונ אויפגעהויבען דעם ארונטערגעלאזטען קאפ. וואו איז ער? וואס טהוט ער דא?

דָא, דַאכְט זִיךְ, קְלַאפְּט דָאס הַארְץ פוּן דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט; אַהֶער צוּם בְּרֵייטֶען פְּלַאץ לוֹיפְט דָאס בְּלוּט פוּן דִי וַוייטֶערֶע שְׁטָאדְט-טְהֵיילֶען, דוּרְךְ דִי שֶׁאנֶע אָדֶערְן — גְרוֹיסְאַרְטִיגֶע גַאסְסֶען. פַאר פְּיֶערְ'ס אוֹיגֶען צִיהְט זִיךְ אָהְן אַ עֶנְדֶע דִי אָפֶּערְן-גַאס, דִי גַאס „פֶּערְטֶער סֶעפְּטֶעמְבֶּער" אוּנ דִי „פְרִיעדֶען" גַאס, וָאס זַיינֶען נָאךְ אוֹיבֶען בֶּעלַייכְט מִיט דִי לֶעצְטֶע טָאג-שְׁטְרַאהְלֶען, אָבֶער שׁוֹין פוּלְל אָנְגֶעזֶעצְט מִיט פַייֶערְלִיךְ וִוי שְׁטֶערֶען אִין הִימְמֶעל.

אוֹיפְ'ן בּוּלְוַואר הָאט גֶעקָאכְט אוּנ גֶערוּדֶערְט. דָארְט אִיז אָנְגֶעלָאפֶען דֶער שְׁטְרָאם פוּן דִי נָאהְנְטֶע גַאסְסֶען: עֶקִיפַּאזְשֶׁען אוּנ מֶענְשֶׁען אָהְן אַ צָאהְל מִישֶׁען זִיךְ, שְׁטֶאנְדִיג וֶוערְט אַ פְּלָאנְטֶערַיי, אַ גֶעדְרֵיי — דָא אִיז אֵיינֶער פוּן דִי גֶעפֶאהְרְלִיכְסְטֶע אֶרְטֶער אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. אוּמְזָאנְסְט הָאבֶען דִי פָּאלִיצִיאַנְטֶען זִיךְ בֶּעמִיהְט הַאלְטֶען אַ שְׁטִיקֶעל אָרְדְנוּנְג, אוּמְזָאנְסְט שְׁרַייעֶן זֵיי מֶען זָאל זַיין אַ בִּיסְסֶעל פָּאר-זִיכְטִיגֶער — דִי חַוואלְיֶע פוּסְגֶעהֶער הָאט אַלְץ אַרִיבֶּערְגֶעגָאסֶען אִיבֶּערְ'ן בְּרֶעג, דִי רֶעדֶער הָאבֶען זִיךְ צְווַאמְמֶענְגֶעטְשֶׁעפֶּעט, צוּנוֹיפְגֶעקְייטֶעלְט, דִי פֶּערְד שְׁטֶעלְלֶען זִיךְ דִיבָּאם, עֶס הִילְלְכְט, עֶס זִידְט, עֶס רוֹישְׁט וִוי דֶער שְׁטוּרְמְדִיגֶער יַם. אוּנ דָארְט פוּן וַוייטֶענְס שְׁטֶעהְט אֵיינְזַאם, שְׁטָאלְץ דִי גְרוֹיסֶע אָפֶּערְן-גֶעבַּיידֶע, אַיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין פִינְסְטֶערְנִישׁ. נָאר סַאמֶע אוֹיבֶען אִיז אַפָּאלְלָא*) מִיט זַיין לִירֶע נָאךְ בֶּעלַייכְט מִיט דֶעם לֶעצְטֶען שַׁיין פוּן טָאג.

אַלְלֶע פְּרָאנְטָאוֶוע פֶּענְסְטֶער אִין דִי הַייזֶער לַייכְטֶען הֶעלְל, עֶס זֶעצְט אַ פְרֵייד פוּן דִי צֵעהְנְדְלִינֶער טוֹיזֶענְדֶער לַאמְפֶּען וָאס מֶען צִינְדְט אָן אֵיינֶע נָאךְ דִי אַנדֶערֶע, אוּנ דָארְט וַוייטֶער פְּלַאקֶערְן גְרוֹיסֶע עֶלֶעקְטְרִישֶׁע קוֹילֶען, אֶהְנְלִיךְ צוּ דֶער לְבָנָה אִין אַ הֶעלְלֶער נַאכְט.

צוּ וָאס אִיז עֶר אַהֶער גֶעקוּמֶען? הָאט פְּיֶער זִיךְ גֶעפְרֶעגְט. לַאוִויְאָוו אִיז מוּידְט, אוּנ אִיהְם, פְּיֶערְ'ן, בְּלַייבְּט נָאר גֶעהְן צוּרִיק אַהֵיים, פַארְשְׁפַּארֶען טְהִיר אוּנ פֶּענְסְטֶער, זִיךְ זֶעצֶען אִין אַ וִוינְקֶעל, וִוי אַ בֶּעשֶׁאפְנִישׁ וָאס נוּצְט שׁוֹין פַאר קֵיינֶעם נִיט, אָהְן גְלוֹיבֶּען, אָהְן הָאפְנוּנְג, וָאס וַוארְט נָאר אוֹיף דֶער לֶעצְטֶער פֶערְווִיסְטוּנְג. פוּן דֶעם אָפֶּערְן-פְּלַאץ בִּיז זַיין קְלֵיין הַייזֶעל אִין „נֵיילִי" אִיז גֶענוּג וַוייט, אוּנ הֲגַם עֶר אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ מִיעד, הָאט אִיהְם דָאךְ נִיט גֶעגְלוּסְט נֶעהְמֶען אַ דְרָאשְׁקֶע אוּנ עֶר אִיז לִיעבֶּער גֶעגַאנְגֶען צוּפוּסְס, זִיךְ גֶעשְׁטוּפְּט אוֹיף דִי טְרָאטוּאַרֶען צְווִישֶׁען דֶעם עוֹלָם אוּנ אוֹיף יֶעדֶען טְרִיט אִיז עֶר גֶעוֶוען בֶּערֵייט צוּ הָארֶען דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען זֶעץ, פוּן וֶועלְכֶען דִי עֶרְד וֶועט זִיךְ אָפְּעֶנֶען אוּנ אַיינְשְׁלִינְגֶען דִי זִינְדִיגֶע שְׁטָאדְט.

בַּיים עֶק סְקְרִיבָּא גַאס אִיז גֶעוֶוען אַזַא עֶנְגְשַׁאפְט אַז עֶר הָאט גֶעמוּזְט בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהְן.

פַאר אַ רֶאסְקָאשְׁנֶעם קַאוֶוע-הוֹיז זַיינֶען גֶעשְׁטַאנְגֶען צְוַוויי גְרוֹיסֶע יוּנְגֶען.

*) דער גאָטט פון דער זנגן אין דער מיטאָלאָגיע

שמוצינע, אבגעריסענע און האבען געשריען: „פאלקס שטימע! א סקאנדאל, איבערגעקויפטע דעפוטאטען אין פארלאמענט און סענאט!" מיט אזא ווילדען שטעכעדיגען קול, אז די פארבייגעהער האבען זיך אבגעשטעלט.

דארט, צווישען דעם גרויסען עולם, האט פּ ע ר וואטער, צו זיין גרויס וואונדער, בעמערקט דעם ארבייטער סאלוואַ, וועלכער האט זיך פריהער צו־געהערט צו די געשרייען פון די יונגען, נאכדעם אריינגעגאנגען אין דער גרויסער קאפיינע. דאס מאל האט די בעגעגעניש געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף פּ ע ר'ן, ער האט אנגעהויבען חושד זיין אז די מעשה איז עפּעס ניט גלאטיג.

פּ ע ר האט זיך אפּגעשטעלט און גענומען אכטונג געבען, נאכשפּירען וואס דא וועט זיין. איהם האט זיך ניט געגלויבט אז סאלוואַ, אזא פארוואגעלטער, אזא אפּגעריסענער, מיט דעם שטיק ברויט אונטער דעם אלטען צופליקטען ראק, זאל אריינגעהן אין א קאווע־הויז, זיך זעצען ביי א טישעל אין דער ווארעם, ביים פּראהליכען שיין פון די לאמפּען.

א מינוט האט ער געווארט וואס עס וועט ווייטער זיין. נאכדעם האט ער דערזעהן ווי יענער שלעפּט זיך אוועק ווייטער לאנגזאם, מיעד, גלייך ווי איהם געפאלט ניט די קאפיינע, וואס איז געווען כמעט לעער אהן געסט. וואס זוכט ער? וואס לויפט ער ארום שוין פון אין דער פריה און ווארפט זיך פון איין עק צום צווייטען אין דעם פּראהליכען, לעבעדיגען פּאריז, ער, אזא אויסגעהונגערטער, אזא אויסגעמוטשעטער? יעצט שלעפּט ער שוין קוים די פיס; ווי עס שיינט האט זיך שוין אויסגעשעפּט זיין גאנצער מוטה, זיין גאנץ ענערגיע. ער איז צוגענאנגען צו א קליין שטיבעלע אין זייט גאס, וואו מען פארקויפט צייטונגען, און זיך אנגע־שפּארט א ווייליע. נאכדעם האט ער ווייטער אויסגעגלייכט די ביינער און אנגעהויבען פּאמעלאך געהן, זוכען עטוואס....

דערווייל איז געשעהן א נייער צופאלל, וואס האט פּ ע ר'ן נאך מעהר אויפגערעגט. פון דער גאס „קאמארטען" איז אנגעקומען א הויכגעוואקסיגער, פוללער הערר, צוגעגאנגען צו סאלוואן און איהם געדריקט די האנד. אנפאנגס האט דער בייסטעהליבער געצווייפעלט, באלד אבער האט ער גוט דערקענט, אז דאס איז זיין ברודער ג י ל י א ם. און ווירקליך, דאס איז טאקי געווען ג י ל י א ם מיט זיינע שניי־ווייסע געדיכטע האר, אבוואהל ער איז מעהר ניט אלט ווי זיעבען און פערציג יאהר, מיט די גרויסע וואנסען שווארץ ווי קאהל, אהן א איינציג גרויען האר, וואס דאדורך זעהט אויס דאס פּנים ענערגיש, פול לעבען. דער שטערן איז הויך און שטרענג; אויפ'ן לינקען שלייף איז קענטיג א ריין פון א נ'אלטער ראנע; דאס גאנצע געזיכט איז זעהר היבש, הארט, פארמאכט אין זיך, און דאך שוועבט אויף איהם א גוטסקייט ווען ער מהוט א שמייכעל און ווייזט ארויס די שאנע ווייסע צאהן.

פּ ע ר האט זיך דערמאנט וואס מאדאם ט ע א ד א ר האט איהם היינט אין דער

פְּרִיה עֶרְצֶאהְלְט. דֶער בְּרוּדֶער פְלֶעגְט מַאנְכֶעס מָאל, פוּן גְרוֹיס רַחֲמָנוּת, גֶעבֶּען סַאלְוַואן אַרְבֵּייט. דַארוּם אִיז עֶר יֶעצְט אַזוֹי פְרַיינְדְלִיךְ צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען מִיט אִיהְם. דֶער מֶעכַאנִיק אָבֶּער אִיז צוּמִישְׁט גֶעוָוארֶען פוּן דֶער בֶּעגֶעגְנִישׁ, הָאט נִיט גֶעקָאנְנְט אַיינְשְׁטֶעהְן אוֹיף אַ נְ'אָרְט, זִיךְ גֶעקַייקֶעלְט אוֹיף דִי פִּיסְם, גְלַייךְ עֶר אַיילְט זִיךְ וַוייטֶער וַואנְדְרֶעוֶוען. גִילְיָאם הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט, גֶעזֶעהְן אַז סַאלְוַוא וִויל אִיהְם נִיט קְלָאר עֶנְטְפֶערְן אוֹיף זַיינֶע פְרַאגֶען, אִיז עֶר פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אָבֶּער בַּאלְד שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען, אוּמְגֶעקֶעהְרְט זִיךְ אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּקֶען וִוי יֶענֶער לָאוְט זִיךְ גֶעהְן מִיעד, אָהְן כֹּחוֹת, צְוִוישֶׁען דֶעם גֶעדִיכְטֶען עוֹלָם. וִוי עֶס שַׁיינְט זַיינֶען גִילְיָאם'ס גֶעדַאנְקֶען גֶעוֶוען יֶעצְט זֶעהְר עֶרְנְסְטֶע, אוּנְרוּהִיגֶע, וַוייל פְּלוּצְלִינְג אִיז עֶר צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען אוּנ גֶענוּמֶען נָאכְקוּקֶען דֶעם אַרְבֵּייטֶער פוּן דֶער וַוייטֶענְס אוּנ קֵיין אוֹיג נִיט אַרָאפְּגֶעלָאזְט פוּן אִיהְם.

פְּיֶער הָאט אוּנְרוּהִיג בֶּעטְרַאכְט דִי גַאנְצֶע סְצֶענֶע. זַיין גֶערִיזֶענֶער פָּארְגֶעפִיהְל אַז עֶס דַארְף גֶעשֶׁעהְן עֶפֶּעס אַ גְרוֹיס אוּמְגְלִיק, דֶער חֲשַׁד וָואס הָאט זִיךְ אִין אִיהְם דֶערְוֶועקְט דוּרְךְ דִי שְׁטֶאנְדִיגֶע בֶּעגֶעגְנִישֶׁען וָואס עֶר בֶּעגֶעגֶענְט אַלְץ סַאלְוַוא'ן, אוּנ דִי פֶּערְווּאוּנְדֶערוּנְג, וָואס דֶער בְּרוּדֶער הָאט זִיךְ אוֹיךְ דָא אַרַיינְגֶעמִישְׁט — דָאס אַלֶעס הָאט אִיהְם שְׁרֶעקְלִיךְ בֶּעאוּנְרוּהִיגְט אוּנ צוּרֵייצְט. מֶען מוּז דוּרְכְאוֹיס זִיךְ דֶערְוִויסֶען וָואס גֶעהְט דָא פָאר, מֶען מוּז נָאכְגֶעהְן דִי בֵּיידֶע, זֶעהְן, בֶּעטְרַאכְטֶען, אוּנ אֶפְשַׁר שְׁטֶערְן זֵיי...

גַאנְץ פָארְזִיכְטִיג הָאט עֶר זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעהְן הִינְטֶער זֵיי. אוּנ וִוי פֶערְווּאוּנְדֶערְט אִיז עֶר גֶעוָוארֶען זֶעהֶענְדִיג, אַז סַאלְוַוא, אוּנ גִילְיָאם גְלַייךְ נָאךְ אִיהְם, פַארְקִירֶעוֶוען זִיךְ אוֹיף דֶער גָאדָא דֶע-מָארוּאַ גַאס, וָואוּ בַּארָאן דִיוִוילְיַאר וָואהְנְט. וֶועלְכֶער פַארְבָּארְגֶענֶער שִׁיקְזַאל שְׁלֶעפְּט אִיהְם הַיינְט צוּרִיק אוֹיף דֶער זֶעלְבֶּער גַאס. וָואוּ עֶר הָאט פְרִיהֶער גֶעוואוֹינְט צוּ זַיין אוּנ נָאר דוּרְךְ לַאוְויָאזְ'ס טוֹיְדְט אִיז עֶר אַהִין שׁוֹין מֶעהְר נִיט גֶעגַאנְגֶען?... אַ וַויילֶע הָאט עֶר סַאלְוַואן פַארְלָארֶען פוּן דִי אוֹיגֶען, בַּאלְד אָבֶּער אִיז זַיין אוּנְרוּה נָאךְ שְׁטַארְקֶער גֶעוָוארֶען, דֶערְזֶעהֶענְדִיג דֶעם אַרְבֵּייטֶער אוֹיפְ'ן טְרָאטוּאַר גֶעגֶענְאִיבֶּער דִיוִוילְיַארְס פַּאלַאץ, אוֹיף דֶעם זֶעלְבֶּען אָרְט וָואוּ עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען הַיינְט אִין דֶער פְרִיה

דִי טוֹיעֶרֶען פוּן פַּאלַאץ זַיינֶען גֶעוֶוען אָפֶען אִין דֶער גַאנְצֶער בְּרֵייט, וַוייל מֶען הָאט הַיינְט רֶעפֶּערִירְט דֶעם בְּרוּק, אוּנ יֶעצְט אַז דִי בַּעֲלֵי-מְלָאכוֹת זַיינֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִיז דִי עֶפְנוּנְג גֶעבְּלִיעבֶּען פִינְסְטֶער, שְׁוַוארְץ. דִי גַאנְצֶע גַאס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען טוּנְקֶעל בֶּעלַייכְט מִיט גַאז לַאמְטֶערְנְס. עֶטְלִיכֶע וַוייבֶּער זַיינֶען פַארְבַּייגֶעגַאנְגֶען אוּנ סַאלְוַוא הָאט זֵיי גֶעמוּזְט אָפְּטְרֶעטְטֶען פוּן טְרָאטוּאַר, בַּאלְד אָבֶּער הָאט עֶר זִיךְ צוּרִיק גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיפְ'ן פְרִיהֶערִיגֶען אָרְט, פַארְרוֹיכֶערְט אַ שְׁטִיקֶעל צִיגַאר, וֶועלְכֶען עֶר הָאט וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ עֶרְגֶעץ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן אוּנְטֶער אַ טִישֶׁעל אִין אַ קַאוֶוע-הוֹיז, אוּנ גֶעשְׁטַאנֶען אוּמְבֶּעוֶועגְט, גֶעדוּלְדִיג אַנְטְקֶעגֶען פַּארַאץ.

פֶּיֶער'ן אִיז אַרויף אויף דִי גֶעדַאנְקֶען . אַז עֶס וָואלְט גְלַייך גֶעוֶוען עֶר זָאל צוּגֶעהְן צוּ דֶעם מֶענְשֶׁען אוּנ אָנְהויבֶּען רֶעדֶען מִיט אִיהְם . אִיהְם הָאט אָבֶּער אָפְּגֶעהַאלְטֶען דֶער בְּרוּדֶער , וָואס הָאט זִיךְ פַארְשְׁטֶעקְט נִיט וַוייט , הִינְטֶער אַ טוּיֶער — פֶּיֶער הָאט דָאס גוּט גֶעזֶעהְן — אוּנ הָאט אוֹיךְ אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוּנ גֶעשְׁטַאנֶען אָנְגֶעגְרֵייט זִיךְ אַרַיינְמִישֶׁען ... אַלְזָא אִיז פֶּיֶער גֶעבְּלִיבֶּען פוּן דֶער וַוייטֶענְס אוּנ קֵיין אוֹיג נִיט אַרָאבְּגֶענוּמֶען פוּן סַאלְוַואן וָואס אִיז אַלְץ גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ גֶעטְשַׁאטֶעוֶועט אוּנ גֶעקוּקְט אַמָאל אויף דִי פִינְסְטֶערֶע טוֹיֶערֶען אוּנ אַמָאל אִין דֶער זַייט , צוּ דִי בּוּלְוַוארֶען , גְלַייךְ עֶר וַוארְט אַז אִימֶעצֶער זָאל אָנְקוּמֶען .

בַּאלְד אִיז וִוירְקְלִיךְ אָנְגֶעפָאהְרֶען דִיוִוילְיַארְם קַארֶעטֶע , גֶעשְׁפַּאנְט צוּ צְוֵויי גְרָאסַארְטִיגֶע פֶערְד , מִיט אַ קוּטְשֶׁער אוּנ אַ לָאקַאי אִין טוּנְקֶעל-גְרִינֶע קְלֵיידֶער מִיט גָאלְדֶענֶע פַּאסְסֶען .

דִי קַארֶעטֶע , וָואס אַלֶע טָאג פְלֶעגְט זִי אִין דֶער שָׁעָה בְּרֶענְגֶען אַ הֵיים דֶעם פָאטֶער אָדֶער דִי מוּטֶער , הָאט יֶעצְט גֶעפִיהְרְט נָאר דִי צְוֵויי קִינְדֶער : קַאמִילְלַא אוּנ הְיַאצִינְט . זֵיי זַיינֶען גֶעפָאהְרֶען פוּן דֶער מוּזִיקַאלִישֶׁער פֶערְוַוייליוּנְג בַּיי דֶער פִירְשְׁטִין דֶע-הַארְפ . זֵיי הָאבֶּען גֶעפְּלוֹידֶערְט צְוִוישֶׁען זִיךְ , גֶעפִיהְרְט רוּהִיג אַ אוּנְפֶערְשֶׁאמְטֶען שְׁמוּעֶס , גְלַייךְ זֵיי ווִילְלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן אִיבֶּערְרַאשֶׁען מִיט זֵייעֶר פְרֶעכְהַייט .

— דִי פְרוֹיֶענְצִימְמֶער זַיינֶען מִיר עֶקֶעלְהַאפְט , נִמְאַס וּמָאוּס ! — הָאט הְיַאצִינְט גֶעזָאגְט — וָואס קָאן זַיין עֶרְגֶער פוּן זֵייעֶר רֵיחַ ? אַ חוּץ דֶעם , דִי שְׁטֶאנְדִיגֶע מוֹרָא פַאר אַ קִינְד ...

— אַלְץ זַיינֶען זֵיי בֶּעסְסֶער פוּן דַיין אַנְדְרוֹגִינוּס זְשָׁארְז עֶלְסָאן . אִיבְּרִיגֶענְס , דוּ הָאסְט נָאר לִיעבּ צוּ בְּרִיהְמֶען זִיךְ . בֶּעסְסֶער וָואלְסְט דוּ זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען מִיט דֶער פִירְשְׁטִין . זִי שְׁטַארְבְּט נָאךְ דִיר !

— אָ , דִי פִּירְשְׁטִין ... זִי אִיז מִיר שׁוֹין טַאקִי אוֹיפְ'ן אֶמֶת דֶערְעֶסְסֶען גֶעוָוארֶען !

הְיַאצִינְט הָאט אַלְצְדִינְג אָבְּגֶעלֵייקֶענְט : נִיטָא קֵיין לִיעבֶּע , נִיטָא קֵיין זְכָרִים אוּנ נִיטָא קֵיין נְקֵבוֹת . אַלְץ אִיז פּוּסְט , פַאלְשׁ , עֶקֶעלְהַאפְט . קַאמִילְלַא , וָואס אִיז אַלְץ גֶעוֶוען צוּרֵייצְט אוּנ גֶעצִיטְטֶערְט פוּן כַּעַס , הָאט וַוייטֶער גֶערֶעדְט :

— דוּ וֵוייסְט , דִי מַאמַא אִיז וַוייטֶער דָארְט , מִיט אִיהְם .

זִי הָאט נִיט בֶּעדַארְפְט רֶעדֶען דַייטְלִיכֶער , דֶער בְּרוּדֶער הָאט אִיהְר גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען ; זֵיי הָאבֶּען זֶעהְר אָפְט גֶערֶעדְט פוּן דֶעם אוּנ זִיךְ גָאר נִיט גֶעשֶׁעמְט .

— נוּ , וָואס גֶעהְט עֶס דִיךְ אָן ? לָאז זִי זִיךְ דָארְט פְרֶעהֶען מִיט'ן לִיעבּ-פְרַיינְד זְשֶׁערַאר ! — הָאט הְיַאצִינְט גַאנְץ רוּהִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט . דֶערְפִיהְלֶענְדִיג אָבֶּער ווִי אִיהְר הָאט אַ טְרָאג גֶעטְהוּן פוּן אָרְט , הָאט עֶר גֶעזָאגְט :

— אַהַא , דוּ לִיעבְּסְט אִיהְם נָאךְ אַלְץ אוּנ ווִילְסְט אִיהְם פַאר זִיךְ צוּנֶעהְמֶען !

— נו, יא, איך וויל אונ ער וועט זיין מיינער!

אין איהרע ווארטער האט געקלונגען איהר גאנצע ביטטערקייט, איהר איינגעפערזוכט, איהרע יסורים וואס אללע פערוואורפען זי, די קאלעקע, אונ וואס די מוטער איז נאך ביז היינט שאן אונ נעהמט ביי איהר צו דעם געליעבטען.

— ער וועט זיין, ער וועט זיין דיינער — האט היאצינט פאטאקעוועט אונ זיך געפרייט וואס ער קאנן זיך רייצען מיט דער שוועסטער, פאר וועלכער ער האט מורא געהאט — ער וועט זיין דיינער אז ער וועט נאר וועלען. ער האט דיך אבער ניט ליעב...

— ער האט מיך ליעב! — האט קאמיללא ווילד געשריען — ער איז זעהר פריינדליך צו מיר, מעהר בעדארף איך ניט!

היאצינט האט זיך איבערגעשראקען פאר איהר באזען פינסטערען בליק, איהרע קליינע האנטליך וואס האבען זיך צונומען אונ צוריק צונויפגענומען ווי די נאגיל פון א חיה־רעה. א ווייל האט ער געווארט אונ נאכדעם געפרעגט:

— אונ וואס זאגט דער פאפא?

— אה, איהם איז אלץ איינס, אבי ער זאל פון פיער ביז זעקס קאננען זיצען ביי יענער...

היאצינט האט געלאכט. צווישען זיך פלעגען זיי דאס אנרופען „דעם פאפאס פערשייטקייט”. קאמיללא פלעגט שטאנדיג אבשפעטען פון דעם, אויסער אין די טאג ווען די מוטער איז אויך ערגעץ אוועקגעגאנגען זוכען פערגניגען.

די פארמאכטע קארעטע איז אריינגעפאהרען אין דער שמאלער גאססיל אונ איז געפלויגען אלץ נאהנטער אהיים. אין דער זעלבער מינוט איז א מאדעל פון א יאהר 18 א מאדיסטקע, געשווינד אריבער די גאס, זי זאל אויספעיען אריינגעהן אין טהויער פריהער ווי די קארעטע. זי האט געטראגען אין א פאפירען שאכטעל א הוט פאר דער באראנעססע אונ געהענדיג איבער'ן בולוואר האט זי געגעגענעצט אין אללע זייטען. זי איז געווען א בלאנדינקע, מיט בלויע אויגען, א ראזאווען נאזיל, די ליפפען האבען שטאנדיג געלאכט — מיט איין ווארט: זעהר א ליעבעס פריילין. הכּף נאך איהר האט סאלווא געווארפען דעם לעצטען בליק אויף דער קארעטע אונ מיט איין שפרונג איז ער שוין געווען אין טהויער. באלד איז ער פון דארט צוריק ארויסגעלאפפען אונ פארשוואונדען געווארען אין דער דונקעלער גאס.

וואס איז נאכדעם געשעהן? פיער האט זיך שפעטער דערמאנט, אז ווען די קארעטע האט זיך פארקערעוועט אריינפאהרען אין טהויער איז אנגעקומען פון דער זייט א קליין וואגיל, וואס פיהרט באגאזש פון דער באהן, אונ די קארעטע איז א ווייליע שטעהן געבליעבען, אין דער זעלבער סעקונדע ווען דאס מאדעל פון מאדען־מאגאזין איז אריין אין טהויער. מיט א שרעקליכע דריקונג אין הארצען האט פיער געזעהן אז זיין ברודער גיליאם האט אויך גענומען לויפען געשווינד צום טהויער, גלייך ווי פלוצלינג האט ער עפעס ענטדעקט. אדער ס'איז מקוים געווארען

דאס וואס ער האט זיך פריהער אנגעשטויסען. און ער, פייער, האט געפיהלט, אז דא ווערט געוויס געשעהן עפעס א שרעקליכער צופאלל. ער האט געוואלט שרייען געוואלט לויפען, אבער א פארבארגענע קראפט האט איהם צוגעשמידט צום טראטואר, א בלייענע האנד האט צוגעשטיקט זיין האלז. פלוצלינג האט זיך געהערט א זעץ ווי א דונער. א מוראדיגער קלאפ, עס האט עפעס שרעקליך געפלאצט און צוריסען, גלייך ווי די ערד וואלט זיך געשפאלטען און דער פאלאץ וואלט איינגעפאלען... די שויבען אין אללע פענסטער פון די נאהענטע הייזער האבען געקלונגען און זיך געשיטט אויף דער ערד ווי א האגעל. די גאנצע גאס איז א ווייל בעלייכט געווארען מיט א העלישען פייער, ס'איז געווארען אזא רויך, אזא שטויב, אז די פארבלענדעטע פארבייגעהער האבען געשריען פון שרעק: זיי האט געדאכט אז זיי פאללען אריין אין א פייעריגען אפפענעם תהום.

פ י ע ר האט שוין אלץ פערשטאנען... אין זאקיל פון די אינסטרומענטען, דאס פוסטע, דאס ליידיגע אהן געצייג, איז געלעגען בעהאלטען א באמבע...

ער האט זיך גענוי פארגעשטעללט די באמבע, וואס האט ארויסגעסטארטשעט פון אונטער'ן צוריסענעם ראק — ווערענד ער האט געגלויבט אז דאס איז א שטיק ברויט, וואס דער ארבייטער טראגט אהיים פאר דער פרוי מיט'ן קינד. נאכ'ן ארומשפאצירען איבער דעם גאנצען גליקליכען פאריז, האט זי לסוף געפלאצט און אויסגעשאסען דא, אויפ'ן שוועל פון דעם גרויסען אדיר, דעם מיליאנער וואס רעגירט מיט'ן גאלד.

פייער'ס איינציגע זארג איז יעצט געוועזען נאר וועגען ברודער ג י ל י א ם, וואס איז געווען אין דעם טויער וואו עס האט געזעצט פייער און רויך ווי פון א פייערדיגען בארג. אנפאנגס האט ער קיין זאך ניט דערקענט; א שארפער רויך האט אלסדינג פארשטעללט. נאכדעם האט ער דערזעהן צופלאצטע וואנט, דער אויבערשטער עטאז איז צושיטט, דער פלאסטער אונטען איז אויסגעריסען, שטיקער זיינען צושליידערט אין אלע זייטען. אויפ'ן גאס איז אלץ גאנץ געבליבען — די קארעטע און די פערד. אפילו דער קאסטען פון קארעטע איז געבליבען נישט אנגעריהרט. נאר דאס בלאנדע מיידיל פון מאגאזין, מיט דעם שאנעם געזיכט, איז געלעגען מיט דער פלייצע אראפ, מיט א צוריסענעם בויך. איהר צארט פנים, די ליכטיגע אויגען, דער שמייכעל זיינען אויך געבליבען ניט אנגעריהרט. פון דעם שאכטעל, וואס איז געלעגען נעבען איהם, איז אראפגעפלויגען דאס דעקעל און פון אינווענדיג זיך ארויסגעקייקעלט א היטעלע, לייכט ווי פוך, שאן ווי א בלום.

דורך א וואונדער איז גילים געבליבען לעבען און שוין געשטאנען אויף די פיסס, נאר פון דער לינקער האנד האט געזעצט דאס בלוט ווי פון א קוואל — די קייל האט איהם צוריסען דאס געלענק. די וואנסען זיינען אפגעסמאלעט, און ער איז אזוי צושלאגען און פארטומעלט אז ער טרייסעלט זיך ווי אין פיבער. דאך האט ער באלד דערקענט ד.ם ברודער, און ווי ס'שיינט, גאר ניט געוואונדערט

זיך ווי קומט דער ברודער אהער. אז דער לאנגפערלארענער ברודער איז יעצט דא, מן הסתם ברויכט ער צו זיין. ער האט באלד אנגעהויבען שרייען צו איהם מיט א שוידער:

— פיהר מיך אוועק, פיהר מיך... צו דיר אהיים, אין ניילי, אך, פיהר מיך געשווינדער!

— איך האב איהם חושד געווען — האט ער ווייטער גערעדט אונ געמיינט סאלוואן — אז ער האט ביי מיר געגנבעט א באמבע, נאר איינע, צום גליק, וואנסט וואלט דער גאנצער טהייל פון שטאדט צופלויגען אין דער לופט... אך, אומגליקליכער! איך האב ניט אוספעיעט אנטרעטען מיט׳ן פוס אויפ׳ן קנויט.

מיט גאנץ קלארע געדאנקען, ווי עס טרעפט אמאל א מענשען אין דער גרעסטער געפאהר, האט פּיער אין דער זעלבער סעקונדע זיך דערמאנט, אז פון פאלאץ איז דא נאך א צווייטער ארויסגאנג אויף דער וויניאן גאס. ער האט גלייך בערעכענט ווי געפאהרליך עס וואלט געווען פאר׳ן ברודער, ווען מען זאל זיך דערוויסען אז ער איז פארמישט אין דעם עסק. ער האט גיליאמען באלד ארויס געפיהרט אין דער דונקעלער גאס, פארבונדען די בלוטיגע האנד מיט א נאז־טיכעל אונ געהייסען זי אריינשטעקען אונטער׳ן פאלטא.

— פיהר מיך אוועק — האט גיליאם ווייטער געזאגט טרייסלענדיג זיך — צו דיר, אין ניילי, ניט צו מיר אהיים...

— יא, יא, בערוהיג דיך. ווארט, איך וועל צורופען א קאטש.

ער האט ארויסגעפיהרט דעם ברודער אויפ׳ן בולוואר אונ געשווינד גענומען זוכען א קאטש. אבער דער דונער פון דער שרעקליכער באמבע האט איבערגעקערט דעם גאנצען קווארטאל מיט די פיס ארויף. די איבערגעשראקענע פערד האבען זיך געשטעלט דיבאם, די מענשען זיינען געלאפען ווי משוגעים, וואוהין די אויגען טראגען. פאליציי איז באלד אנגעלאפען, א מחנה מענשען האבען שוין פארשפארט דעם אריינגאנג אין דער גאס גאדא־דע־מארוא, וואס איז געווען פינסטער ווי א גרוב, ווייל אללע לאמטערנס זיינען געוואָרען אויסגעלאשען. אונ דער טרעגער פון „פאלקס שטימע" אויפ׳ן בולוואר האט נאך אלץ געשריען וועגען סקאנדאל מיט די אפריקאנישע אייזענבאהנען; וועגען די צוויי־אונ־דרייסיג איבערגעקויפטע דעפוטאטען אונ וועגען דעם, אז דאס מיניסטעריום וועט באלד פאללען.

ענדליך איז פּיער׳ן געראטען געפינען א קארעטע. הינטען איז אימיצער געלאפען אונ געשריען דעם צווייטען:

— אוודאי איז די באמבע יעצט פאר׳ן מיניסטעריום ווי געוואונשען...

ביידע ברידער האבען זיך געזעצט אין קארעטע אונ אוועקגעפאהרען. איבער דעם רוישענדיגען פאריז האט זיך אויסגעשפרייט א פינסטערע נאכט, א חשך׳דיגע נאכט, אונ די שטערן אין הימעל זיינען טונקעל געוואָרען אין דעם פארעפּוּש׳טען טומאן פון עבירות, האס, ניעדערטראכטיגקייט וואס האט געשטיגען פון די דאכער

עֶס ריקט זיך, עֶס קוּמט אָן דער יום־הַדִין, דער גערעכטער מִשְׁפָּט פאר דעם היינטיגען סְדוֹם . . .

# צְווייטער טְהייל

## I.

אין אַ פֶערוואַרפֶען גאס אין פּאריזער קְוַואַרטַאל גַיילי, וואו מען זעהט נִיט קיין לעבענדיגען מענשען קוים ווערט נאכט, איז דאס קליין הייזעל מיט זיינע פֶּעסט־פֶערמאכטע לאדענס געוועזען פארזונקען אין א טיעפען שלאף; דורך די שפּאלטעליך האט מען ניט געזעהן דעם מינדסטען שיין. א טיעפע שטיללקייט האט אויך געהערשט הינטער דעם הייזעל, אין דעם לעערען, טוידטען גארטיל.

פְּיֶער, וואס האט געפיהרט דעם פערוואונדעטען ברודער אין דער געדוּנגענער קארעטע, האט זיך דעם גאנצען וועג געשראָקען, דער געראנעטער זאל ניט חלשן. גיליאַם איז געזעסען אָנגעלעהנט אהן כּחות, און האט קיין איינציגעם וואָרט נִיט אַרויסגערעדט. די צוויי ברידער האבען געהאט געניג צו פרעגען און ענטפערן איינער דעם אנדערן אָבער יעצט, אין אזא צושטאנד, איז דאס רעדען פאר ביידען שווער געוועזען. דער גייסטליכער האט זיך אָבער שרעקליך בעאונרוהיגט פון דעם ברודערס וואונד, ער איז געזעססען און געקלערט, צו וועלכען חירורג זאל ער געהן, וועלכען חירורג מאג מען געטרויען א סוד און זיין זיכער אז ער וועט קיינעם ניט ערצאהלען?

ביז דעם „טריאומף־טויער" האבען די ברידער געשוויגען. ערשט נאכדעם האט זיך גיליאַם ווי אויפגעכאפּט פון זיין פערטראכטקייט און געזאגט:

— זעה, פְּיֶער, מען דארף ניט קיין דאָקטאר. מיר וועלען אליין היילען.

פְּיֶער האט געוואלט איהם אפּווענדען, באלד אָבער האט ער זיך מישב געוועזען און א מאך געגעבען מיט דער האנט, ווי איינער רעדט: מיר וועלען שוין זעהן וואס מיר האבען צו טהון. צו וואס זאל ער געהן יעצט איבערשפּארען דעם ברודער? — דאך זיין אוּמרוּהיגקייט איז אלץ שטארקער געוואָרען. ערשט ווען די קארעטע איז שטעהן געבליבען פאר'ן קליין הייזעל און דער ברודער איז ארויס־געשטיגען פון . איהר גאנץ פריי . איז איהם לייכטער געוואָרען אויפ'ן הארצען. ער האט געכאפּט בעצאהלען דעם קוטשער און זיך געפרייט וואס אין גאס איז קיינער ביטא — ניט קיין שכנים, ניט קיין פארבייגעהער. די טהיר האט ער אָפגעשלאָססען מיט זיין שליסעל און אונטערגעהאלטען דעם ברודער ארויפגעהענדיג אויפ'ן ביעדריגען גאנעק מיט דריי טרעפּליך.

אין פארצימער האט געברענט א נאכט־לאמפּעל. די דיענסט מאַפי,

ערהֶארֶענְדִיג דִי קְלַאפּ אִין טְהִיר, אִיז אַרויסְגֶעקוּמֶען פוּן קִיךְ. דָאס אִיז גֶעוֶוען אַלְטִיטְשְׁקֶע פוּן אַ יָאהר זֶעכְצִיג, אַ נִידֶערִיגֶע, אַ דַארֶע, אַ שְׁוַוארְצֶע. זִי הָאט שׁוֹין עדִיענְט אִין דֶעם הויז מֶעהר וִוי דְרַייסִיג יָאהר, אַנְפַאנְגְם בַּיי דֶער מוּטֶער, נָאכְדֶעם אִיז אַרִיבֶּער צוּם זוּהְן. זִי הָאט גֶעדֶענְקְט ג י ל י א מ ע ן נָאךְ וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ יוּנְגֶער אַנְן אוּנ יֶעצְט אִיהם בַּאלְד דֶערְקֶענְט, אָבְוָואהל שׁוֹין צֶעהן יָאהר אִיז עֶר דָא אִין הויז נִיט גֶעוֶועזֶען. אָבֶּער אוֹיף אִיהר אִיז נִיט קֶענְטִיג גֶעוֶוען דִי מִינְדְסְטֶע פֶערְ- ואוּנְדֶערוּנְג דֶערְזֶעהֶענְדִיג אִיהם פְּלוּצְלִינְג דָא יֶעצְט אַזוֹי אוּמְגֶערֶעכְט. אִיהר כְּלַל אִיז גֶעוֶוען: הֶארֶען אוּנ זֶעהֶען אוּנ שְׁווייגֶען. אִין פְרֶעמְדֶע עֲסָקִים בֶּעדַארְף מֶען זִיךְ נִיט אַריינְמִישֶׁען. זִי אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין שְׁטוּבּ וִוי אַ שְׁטִילֶע טוֹיב אוּנ הָאט נָאר אַמָאלְם גֶערֶעדְט וֶוען ס'אִיז גֶעוֶוען זֶעהר נֵאטְהִיג.

בֶּעגֶעגְנֶענְדִיג פּ י ע ר'ן הָאט זִי אִיהם גֶעמֶאלְדֶען:

— הֶערְר גַייסְטְלִיכֶער, דָארְט אִין קַאבִּינֶעט זִיצְט הֶערְר בֶּ ע ר ט ר ע ר ו א אוּנ וַוארְט אוֹיף אַייךְ שׁוֹין פוּן אַ פֶערְטִיל שָׁעָה.

ג י ל י א ם אִיז פְּלוּצְלִינְג מוּנְטֶערֶער גֶעוָוארֶען אוּנ זִיךְ אַריינְגֶעמִישְׁט:

— בֶּערְטְרֶערוּאַ קוּמְט נָאךְ אַלְץ צוּ אַייךְ? אַךְ, וִוי צוּפְרִידֶען בִּין אִיךְ וָואס כ'וֶועל אִיהם דָא זֶעהן. דָאס אִיז אֵיינֶער פוּן דִי לִיכְטִיגְסְטֶע, פוּן דִי גְרֶעסְטֶע גֶעלֶעהרְטֶע אִין אוּנְזֶער צַייט. עֶר אִיז דָאךְ מַיין רֶבִּי.

בֶּערְטְרֶערוּאַ, וָואס אִיז גֶעוֶוען אַ נ'אַלְטֶער גוּטֶער-פְרַיינְד מִיט זַייעֶר פָאטֶער, דֶעם בֶּערִיהְמְטֶען חֶעמִיקֶער מִישֶׁעל פְּרָאמַאן, אִיז יֶעצְט גֶעוֶוען אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע לַייט אִין פְרַאנְקְרַייךְ. דוּרְךְ אִיהם אִיז דִי חֶעמִיע גֶעוָוארֶען אַזוֹי גְרוֹים אוּנ וִויכְטִיג, וָואס קֶען אִיבֶּערְקֶעהרֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט מִיט'ן קָאפּ אַרָאפּ. אָבְוָואהל יֶעצְט אִיז עֶר גֶעוֶוען מִיטְגְלִיעד אִין אִינְסְטִיטוּט אוּנ זֶעהר הויךְ גֶעשְׁטֶעלְלְט, אָפְּגֶעשִׁיטְט מִיט כָּבוֹד, מֶעדַאלְיֶען אוּנ וִויכְטִיגֶע שְׁטֶעלְלֶעם, אִיז עֶר דָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטַארְק צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ פִּיֶערְ'ן אוּנ אָפְט גֶעקוּמֶען אִיהם בֶּעזוּכֶען פַאר מִיטָאג, זִיךְ צֶערְשְׁטְרַייעֶן אַ בִּיסֶעל.

— דוּ הָאסְט אִיהם גֶעבֶּעטֶען אִין קַאבִּינֶעט? אויסְגֶעצֵייכֶענְט! מִיר גֶעהֶען אַהִין — הָאט דֶער גַייסְטְלִיכֶער גֶעזָאגְט דֶער דִיעֶנְסְט, וֶועלְכֶער עֶר פְלֶעגְט „דוּטְצֶען" — טְרָאג אַרַיין אַ אָנְגֶעצוּנְדֶענֶע לָאמְפּ צוּ מִיר אִין שְׁלָאף-צִימֶער אוּנ בֶּעט אוּיס דִי בֶּעטְט, דֶער בְּרוּדֶער זָאל זִיךְ תֵּכֶף קֶאנֶנֶען אַריינְלֶעגֶען.

וֶועהרֶענְד ס א פּ י הָאט גֶעטְהוּן וִוי פִּיֶער הָאט גֶעהֵייסֶען, שְׁטִילל, אָהן קַשְׁיוֹת, זַיינֶען דִי בְּרִידֶער אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם פָאטֶערְס גֶעוֶועזֶענֶעם לַאבָּארַאטָארִיוּם, וֶועלְכֶע פִּיֶער הָאט אִיבֶּערְגֶעמַאכְט זִיךְ פַאר אַ גְרוֹים קַאבִּינֶעט.

דֶער גֶעלֶעהרְטֶער מַאנְן, וָואס אִיז דָארְט גֶעזֶעסֶען, הָאט זֵיי בֶּעגֶעגֶענְט מִיט גְרוֹים פְרֵייד, דֶערְזֶעהֶענְדִיג בֵּיידֶע בְּרִידֶער צוּזַאמֶען, אָנְגֶעלֶעהנְט אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען.

— צוּזַאמֶען! אַךְ, קִינְדֶער מַיינֶע, קֵיין גְרֶעסֶערֶע שִׂמְחָה הָאט אִיהר מִיר נִיט גֶעקֶאנְט פֶערְשַׁאפֶען! אִיךְ הָאבּ אַלְץ גֶעהַאט קְרֶאנְקוּנְג וָואס אִיהר עֶרְוַוייטֶערְט זִיךְ

אַיינֶער פון צְווייטֶען.

דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ מַאנְן פון אַ יָאהר זִיעבְּצִיג, הויךְ אונ דַאר. דִי גֶעלֶע הויט הָאט פֶּעסְט אַיינְגֶעצויגֶען וַוי מִיט אַ פַּארְמֶעט די גְרויסֶע בַּאקֶענְבֵּיינֶער אונ דִי מָארְדֶע. עֶר הָאט אויסְגֶעזֶעהן וִוי אַ גַאנְץ גֶעוֶואהְנְלִיךְ מֶענְש; מֶען הָאט גֶעקָאנְט גְלויבְּען אַז דָאס אִיז עֶפֶּעס אַנ'אַלְטֶער אַפָּאטְהֶעקֶער. נָאר זַיין שְׁטֶערן אִיז גֶעוֶוען הֶערְלִיךְ שֶׁאן – בְּרֵייט אונ גְלַאט, אונ דִי אויגֶען הָאבֶּען גֶעבְּלִישְׁצֶעט אונ גֶעלַייכְט.

בַּאלְד הָאט עֶר בֶּעמֶערְקְט גִילְיָאמְס פַּארְבּונְדֶענֶע הַאנְט אונ אויסְגֶעשְׁרִיעֶן:

– וָואס אִיז דָאס, גִילְיָאם, אִיהר זַייט גֶערַאנְיֶעט?

פְּ יֶ ע ר הָאט גֶעשְׁוִויגֶען אונ גֶעלָאזְט דֶעם בְּרוּדֶער עֶרְצֶאהלֶען דִי גֶעשִׁיכְטֶע וַוי אִיהם וֶועט גֶעפֶּאללֶען. דֶער הָאט פַארְשְׁטַאנְגֶען אַז דָאס בֶּעסְטֶע וֶועט זַיין זָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת, פְּרָאסְט, נָאר אָהן דִי אַיינְצֶעלְהַייטֶען.

– יָא, דוּרְךְ אַ צופְלַאצוּנְג. מִיר שַׁיינְט אַז דָאס גֶעלֶענְק אִיז צוּבְּרֶעקֶעלְט.

בֶּערְטֶערוּאַ, וָואס הָאט אִיהם שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט, הָאט בֶּעמֶערְקְט וַוי זַיינֶע וָואנְסֶען זַיינֶען אָבְּגֶעסְמַאלֶעט, דִי אויגֶען פֶערְשְׁטַארְט אונ אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען. עֶר אִיז גֶעוָוארֶען עֶרְנְסְט, אָבֶער פָּארְזִיכְטִיג, אונ נִיט גֶעוָואלְט צִיהֶען אִיהם בַּיי דֶער צוּנְג.

– אַזוֹי? דוּרְךְ אַ צופְלַאצוּנְג! עֶרְלויבְּט, אִיךְ זָאל אַ קוּק טְהוּן אויף דֶער רַאנֶע. אִיהר וֵוייסְט דָאךְ, אַז עֶהֶער אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דֶער חֶעמִיע הָאבּ אִיךְ גֶעלֶערְנְט מֶעדִיצִין אונ הָאבּ אַ שְׁטִיקֶעל יְדִיעָה אִין חִירוּרְגִיֶע.

פְּ יֶ ע ר הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען:

– יָא, יָא, זַייט אַזוֹי גוּט אונ בֶּעטְרַאכְט דִי רַאנֶע. אִיךְ בִּין זֶעהר אוּנְרוּהִיג. וָואס פַאר אַ גְלִיק, וָואס מִיר הָאבֶּען אַייךְ דָא גֶעטְרָאפֶען!

דֶער גֶעלֶעהְרְטֶער הָאט אויף אִיהם אַ שַׁארְפֶען קוּק גֶעגֶעבֶּען אונ גֶעפִיהלְט, אַז ס'מוּזֶען זַיין זֶעהר וִויכְטִיגֶע אוּמְשְׁטֶאנְדֶען וָואס דִי בְּרִידֶער בֶּעהַאלְטֶען פַאר אִיהם. גִ י לְ יָ א ם אִיז מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען בַּאלְד וַוייזֶען זַיין רַאנֶע אונ זַיין גֶעזִיכְט אִיז בְּלַאסס גֶעוָוארֶען פוּן שְׁוַואכְקַייט, נָאר דֶער גֶעלֶעהְרְטֶער הָאט פֶערְלַאנְגְט, מֶען זָאל אִיהם פְרִיהֶער אַרַיינְלֶעגֶען אִין בֶּעט. דִי דִיעֶנְסְט הָאט גֶעמָאלְדֶען אַז ס'אִיז שׁוין גֶעבֶּעטֶעט, אונ אַלֶע זַיינֶען אַרַיין אִין שְׁלָאף-צִימֶער. דָארְט הָאבֶּען זֵיי דֶעם גֶערַאנֶעטֶען אויסְגֶעטְהוּן אונ אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט.

– לַייכְט מִיר צוּ, פְּיֶער, הַאלְט דִי לָאמְפּ, אונ סָאפִי לָאז בְּרֶענְגֶען אַ בֶּעקִין מִיט אַ שְׁמַאטְקֶע.

אָפְּוַואשֶׁענְדִיג פָּארְזִיכְטִיג דִי רַאנֶע הָאט עֶר אויסְגֶעשְׁרִיעֶן:

– הָאל דֶער טַייוועל! דָאס גֶעלֶענְק אִיז נִיט צוּבְּרָאכֶען, דָאךְ אִיז דָאס אַ פַּאסְקוּדְנֶער עֵסֶק. אִיךְ הָאבּ מוֹרָא דֶער בֵּיין אִיז גֶעשֶׁאדִיגְט. צְוֶועקֶעס זַיינֶען אַייךְ אַרַיין אִין הַאנְד, נִיט וַואהְר?

עֶר הָאט נִיט בֶּעקוּמֶען קֵיין עֶנְטְפֶער אונ אִיז עֶנְטְשְׁוִויגֶען גֶעוָוארֶען. זַיין פֶערְוואוּנְדֶערוּנְג אִיז גֶעוָואקְסֶען אונ גֶעשְׁטִיגֶען, עֶר הָאט גֶענוּמֶען בֶּעטְרַאכְטֶען מִיט

גרוים כונה די האנד , וואס איז שווארץ געוועזען פון פייער , אונ אויך א שמעק געטהון דעם ארבעל . ער האט דערקענט אז דאס קומט ארוים דורך איינער פון די נייערפונדענע מאטעריען צו אויסשיסען אונ צו צורייסען , וואס ער זעלבסט האט איבער זיי שטודירט אונ זיי כמעט בעשאפען . דאך געטליכע סימנים זיינען איהם געוועזען אומבעקאנט , אונ ער האט ניט געקאנט טרעפען גענוי וואס פאר א מין זאך איז דאס געוועזען .

ער האט ניט געקאנט איינהאלטען זיינע נייגיעריגקייט אונ געפרעגט :

— הייסט עס , איהר האט אייך אזוי צורעכט געמאכט אין אייער לאבאראטאריום ? וואס פאר א טייוועלשען פולווער האט איהר עס דארט צוגעגרייט ?

צייט דער געלעהרטער האט גענומען שטודירען די ראנע איז ג י ל י א ם געווארען זעהר אונרוהיג , גלייך ווי דער סוד שטעקט אין דעם , מען זאל ניט דערנעהן דעם סעקרעט פון דעם נייעם פולווער , וואס ער אליין איז געוועזען זיין ערשטער קרבן . קורץ אונ שארף האט ער געמאכט א סוף מיט אלע שאלות אונ געזאגט :

— איך בעט אייך , רבי , פרעגט מיך ניט . איך קאן אייך ניט ענטפערן ... איך ווייס , איהר זייט א איידעלע נשמה , איהר וועט מיך היילען , ליעב האבען , אונ ניט פערלאנגען פון מיר קיין שום ודוי .

— געוויסס , מיין ליעבער פריינד — האט בערטעלאט איינגעשריען — בעהאלט אייך אייער סוד ; אייער ערפינדונג קעהרט צו אייך אויב איהר האט זי געמאכט . איך בין זיכער אז איהר וועט עס געברויכען נאר צום גוטען . דאכט זיך , ווי איהר קענט מיך , בין איך אויך היים איבערגעגעבען דעם אמת אונ וויל ניט אורטהיילען דעם צווייטענס מעשים עהרער איך ווייס ריכטיג די אורזאכען פון זיי .

אונ מיט א שטארקען מאך מיט דער האנד האט ער אויסגעדריקט זיין סבלנות זיין ליעבשאפט צו פרייהייט , צום אמת ... מיט די מעלות איז ער טאקי געוועזען איינער פון די וועלטענסטע מענשען אין דער היינטיגער צייט . —

ער האט ניט געהאט מיט זיך די נאטהיגע אינסטרומענטען , דארום האט ער זיך בעגנוגט מיט דעם איינבאנדאזירען די האנד , נאכדעם ווי ער האט זיך איבערצייגט אז אין ראנע איז ניט געבליבען קיין ברעקעל אייזען נאכדעם האט ער זיך געזעגענט מיט די ברידער אונ פארשפראכען קומען מארגען אין דער פריה דעם נייסטליכען , וואס איז געגאנגען בעגלייטען איהם ביז צום גאנעק , האט ער בערוהיגט . אויב דער ביין איז ניט טיעף געשעדיגט וועט אלץ אריבערגעהן בשלום .

צוריקקומענדיג אין שלאף-צימער האט פייער געפונען דעם ברודער זיצט נאך אין בעט אונ פערלאנגט מיט די לעצטע כחות ווי אם געשווינדסטען אנשרייבען עטליכע ווארטער אהיים צו זיין פאמיליע , בערוהיגען זיי . פייער האט איהם געמיינט דערלאנגען טינט אונ פעדער מיט א בויגען פאפיר אונ צולייכטען

מִיט'ן לָאמְפּ . צום גְלִיק הָאט גִילְיָאם גֶעקֶאנְט דִי רֶעכְטֶע הַאנְד פְרַיי בֶּעוֶועגֶען .
אִין קוּרְצֶע וֶוארְטֶער הָאט עֶר זֵיי מוֹדִיעַ גֶעוֶוען אַז עֶר וֶועט נִיט קוּמֶען אַהֵיים , אונ הָאט אַדְרֶעסִירְט דֶעם בְּרִיעף צו דֶער מַאדַאם לֶערוּאַ , זַיין שְׁווֶעגֶער , וָואס נָאךְ דֶער פְרוֹי'ס טוֹידְט אִיז זִי בַּיי אִיהְם גֶעבְּלִיעבֶּען וָואהְנֶען , צוּ עֶרְצִיהֶען זַיינֶע דְרַיי זִיהְן . פִּיֶער הָאט גֶעוואוּסְט , אַז אוֹיסֶער אִיהְר וואהְנְט בַּיי אִיהְם אִין הויז נָאךְ אַ יוּנְגֶעס פְרַיילַיין פוּן אַ יָאהְר פִינְף-אוּנ-צְוַואנְצִיג , דִי טָאכְטֶער פוּן זַיינֶעם אַ נ'אַלְטֶען גוּטֶען פְרַיינְד , וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶענוּמֶען צוּ עֶרְצִיהֶען אוּנ זִיךְ גֶעקְלִיבֶּען חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט אִיהְר אִין גִיכֶען , אָבְּוָואהְל עֶר אִיז פִיעל עֶלְטֶער פוּן אִיהְר . דָאס אִיז פִּיֶער'ן נִיט זֶעהְר גֶעפֶעלֶען אוּנ עֶר הָאט קֵיינְמָאל נִיט גֶעוָואלְט רֶעדֶען דַארִיבֶּער .

— דוּ ווילְסְט מֶען זָאל דָאס בְּרִיוֶועל בַּאלְד אַוֶועקְטְרָאגֶען אויף מָאנְמַארְטְר ?

— יָא , דִי מִינוּט . יֶעצְט אִיז נִיט מֶעהְר וִוי זִיעבֶּען אַ זֵייגֶער . בִּיז אַבְט וֶועט עֶס שוֹין זַיין דָארְטֶען . דוּ וֶועסְט שִׁיקֶען מִיט אַ זִיכֶערֶען מֶענְשֶׁען , נִיט וַואהְר ?

— דָאס בֶּעסְטֶע וֶועט זַיין , סָאפִי זָאל אַהִינְפָאהְרֶען אִין אַ דְרָאשְׁקֶע . פַאר אִיהְר בֶּעדַארְף מֶען נִיט מוֹרָא הָאבֶּען , זִי וֶועט נִיט פְּלוֹידֶערֶען . וַוארְט , אִיךְ וֶועל עֶס שוֹין אִין אָרְדְנוּנְג בְּרֶענְגֶען .

מֶען הָאט אַרַיינְגֶערוּפֶען סָאפִי . זִי הָאט בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנֶען אוּם וָואס עֶס הַאנְדֶעלְט זִיךְ אוּנ הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען , אַז אוֹיב מֶען וֶועט בַּיי אִיהְר פְרֶעגֶען וֶועט זִי זָאגֶען : הֶערְר גִילְיָאם אִיז גֶעקוּמֶען צוּפָאהְרֶען נֶעכְטִיגֶען בַּיים בְּרוּדֶער דוּרךְ אַ סִבָּה וָואס אִיז אִיהְר אוּמְבֶּעקַאנְט . אַוֶועקְגֶעהֶענְדִיג הָאט זִי גֶעזָאגְט :

— דֶעם הֶערְרס מִיטְטָאג אִיז פַארְטִיג . דִי זוּפּ אוּנ דָאס פְלֵיישׁ שְׁטֶעהְט אִין אוֹיוֶוען .

יֶעצְטִיגֶעס מָאל וֶוען פִּיֶער אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אִין שְׁלָאף-צִימְמֶער אִיז דֶער בְּרוּדֶער שׁוֹין גֶעלֶעגֶען , אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוֹיפְ'ן רוּקֶען , שְׁרֶעקְלִיךְ מִיעד , בְּלַאסְס אוּנ הָאט הִיטְץ . אוֹיפְ'ן טִישׁ הָאט שְׁוַואךְ גֶעבְּרֶענְט דִי לָאמְפּ . עֶס אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי שְׁטִילל אַז מֶען הָאט גֶעהֶערְט דֶעם טִיק-טַאק פוּן זֵייגֶער אִין צְוֵוייטֶען צִימְמֶער . אַ ווַיילֶע הָאבֶּען דִי צְווֵיי בְּרִידֶער גֶעשְׁווִיגֶען . בַּאלְד אָבֶּער הָאט דֶער גֶערַאנְגֶעטֶער אוֹיס-גֶעשְׁטְרֶעקְט דִי גֶעזוּנְטֶע הַאנְד ; פִּיֶער הָאט זִי אָנְגֶעכַאפְּט אוּנ צַארְטְלִיךְ גֶעדְרִיקְט . לַאנְג זַיינֶען זֵייעֶרֶע הַאנְד גֶעבְּלִיעבֶּען צוּנוֹיפְגֶעפְלָאכְטֶען .

— מַיין אָרִימֶער פִּיֶער — הָאט גִילְיָאם שְׁטִילל גֶעזָאגְט — פֶערְצֵייהֶע וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַזוֹי אָנְגֶעלֶעגְט אוֹיף דִיר . . . אַרוֹיפְגֶעפַאלֶען וִוי דֶער שְׁנֵיי אוֹיפְ'ן קָאפּ . צוּגֶענוּמֶען דַיין בֶּעטְט אוּנ שְׁטֶער דִיר עֶסְסֶען מִיטְטָאג . . .

— רֶעד נִיט , שְׁטְרֶענְג זִיךְ נִיט אָן — הָאט אִיהְם פִּיֶער אִיבֶּערְגֶעהַאקְט דִי רַייד — וואוּ דֶען זָאלְסְט דוּ גֶעהְן אִין אַ שְׁלֶעכְטֶער שָׁעָה אַז נִיט אַהֶער ?

דִי הֵייסֶע הַאנְד פוּן גֶערַאנְגֶעטֶען הָאט נָאךְ מִיט מֶעהְר צַארְטְלִיכְקֵייט אַרוּמְגֶענוּמֶען דֶעם בְּרוּדֶערְס הַאנְד אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען זַיינֶען פוּל גֶעווָארֶען מִיט טְרֶערֶען .

— איך דאנק דיר, מיין טהייערער פ ע ר! דו ביסט דער זעלבער בעשיידענער און ליעבענדער ווי אמאל... אך, דו האסט גאר קיין בעגריף ניט ווי מיך פרעהט עס גראדע אין אזא שעה.

יעצט זיינען פ ע ר ס אויגען פייכט געווארען. ביידע ברידער האבען געפיהלט א זעלטענע זיססקייט, א טיעפען נחת, געפינענדיג זיך צוזאמען, נאך אזוי פיעל אונרוהיגקייט, דא אין דעם שטיללען הויז וואו זיי האבען פארבראכט זייערע יונגע יאהרען. דא זיינען געשטארבען זייערע עלטערן — דער פאטער האט געהאט זעהר א טרויעריגען טוידט: אין זיין לאבאראטאריום האט אויסגעשאססען א מאטעריאל וואס רייסט און ער האט דאביי דאס לעבען פערלארען; די מוטער, זעהר א פרומע פרוי, איז געשטארבען ווי א אמתע הייליגע. דא, ביי דער זעלבער בעט, האט גיליאם אויפגעפאסט פיער'ן, ווען ער איז נאך דער מוטערס טוידט געפאהרליך קראנק געווארען און שיער ניט געזעגענט זיך מיט'ן לעבען; יעצט איז ווידער בעשערט פיער'ן, אז ער זאל בעדינען און אויפפאסען דעם קראנקען גיליאם. לאנג זיינען זיי געווען צושיידט, ערווייטערט איינער פון אנדערן, און יעצט בעגעגנען זיי זיך אומגערעכט אין אזאלכע טרויעריגע אומשטאנדען, דורך א פלוצליכען אונגליק. דאס הארץ איז ביי ביידען פו׳; דאס אלטע הויז ערצאהלט זיי פון דער פערגאנגענער יוגענד, פון די געשטארבענע עלטערן, פון די פריהעריגע יאהרען, ווען זיי האבען דא געליעבט און געליטטען, געהאט צוזאממען פריידען און ליידען. הינטערן פענסטער איז דאס גארטיל, וואס אצונד שטעהט עס שטארר, ערפרוירען, טוידט, אבער א מאל איז עס געווען בעגאסען מיט דער העללער שיין פון דער ווארעמער זונן און אין איהם האבען געקלונגען פרעהליכע קינדערישע קולות. לינקס איז געוועזען דאס לאבאראטאריום, א גערוימיגער צימער וואו דער פאטער האט זיי געלערנט לעזען. רעכטס, אין עססצימער, שטעלט זיך זיי נאך פאר די מוטער, ווי זי שניידט זי אוים קארטינקעס — אזא גוטע, אזא בעשיידענע, מיט גרויסע פערזארגטע פרומע אויגען. דער געפיהל, אז יעצט געפינען זיי זיך דא אליין; די בלאססע רוהיגע ליכט פון לאמפ, די טיעפע שטיללקייט אין הויז און אין גארטיל, די זכרונות פון פערגאנגענע צייטען — דאס אללעס האט אויפגעוועקט ביי זיי אין הארצען א מאדנע צארטליכקייט, א זעלטענע ווייכקייט פול מיט מרה שחורה און זארג.

זיי וואלטען גערען גערעדט, אויסגעגאססען די הערצער. אבער וואס זאלען זיי איינער דעם אנדערן זאגען? אבוואהל זייערע האנד זיינען פעסט צוזאממענגעפלאכטען, האט זיי דאך געדאכט, אז צווישען ביידען ליעגט א טיעפער תהום. גיליאם איז געווען זיכער אז פיער איז א הייליגער מענש, וואס האלט פאר דער רעליגיע שטאל און אייזען, דענקט אנדערש פון איהם און לעבט אנדערש ווי ער. פיער ווידער האט געהאלטען גיליאמען פאר א פושע, וואס פיהרט ניט קיין

אָרֶענְטְלִיךְ לֶעבֶּען, עֶר הָאט אֲפִילוּ נִיט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט דֶער פְרוֹי פוּן וועלכ עֶר הָאט דְרַיי קִינְדֶער, אוּנ יֶעצְט קְלַייבְּט עֶר זִיךְ נֶעהְמֶען עֶפֶּעס אַ מֵיידִיל, וָוא אִיז צוּ יוּנְג פַאר זַיינֶע יָאהְרֶען אוּנ קֵיינֶער ווייס נִיט פוּן וואנֶעט זִי שְׁטַאמְט. אֵייבֶע דֶעם הָאט עֶר ווילְדֶע גֶעדַאנְקֶען, לֵייקֶענְט אָפּ אַלֶע עֶרְהַאבֶּענֶע אִידֶעעֶן, אַ אַ רֶעוואָלוּצְיָאנִיסְט, אוּנ שְׁפָּארְט אֲפִילוּ אָן צוּ אַנַארְחִיזְם. ווי קֶענֶען זִיךְ אַזֶעלכֶע צְווֵיי ווייטֶע גַייסְטֶער צוּזַאמְמֶענְפָארֶען? ווי קֶען זַיין צְווִישֶען זֵיי אַ בְּרִיקֶעל, אַ קְלַאטְקֶע אַרִיבֶּערְגֶעהְן דֶעם תְּהוֹם? נָאר בֵּיידֶענְס הֶערְצֶער הָאבֶּען גֶעבְּלוּטִיגְט אוּנ גֶעבְּרֶענ מִיט אַ לֵיידֶענְשַׁאפְטְלִיכֶער בְּרוּדֶערְלִיכֶער צֶארְטְלִיכְקֵייט.

פְּיֶער הָאט גֶעוואוּסְט, אַז אֵיינְמָאל אִיז גִילְיָאם שִׁיער נִיט גֶעפַאלֶען דוּרְךְ אַ אַנַארְחִיסְטִישֶׁען עֶסֶק. עֶר ווִיל אִיהְם יֶעצְט נִיט אוֹיסְפְרֶעגֶען, אָבֶּער זִיכֶער אִיז, אַז דֶער בְּרוּדֶער בֶּעהַאלְט זִיךְ יֶעצְט עֶקְסְטְרַא, ווַייל עֶר הָאט מוֹרָא מֶען זָאל אִיהְם נִיט אַרֶעסְטִירֶען אַלְס מִיטְשׁוּלְדִיגֶען. אִיז עֶר ווִירְקְלִיךְ אַ שׁוּתָף צוּ סַאלְוַוא'ן. פְּיֶער הָאט גֶעצִיטֶערְט בַּיי דֶעם גֶעדַאנְקֶען... בִּיז יֶעצְט ווייס עֶר נָאר דָאס וָואס בַּיים בְּרוּדֶער הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעחַאפְּט פוּן מוֹיל, אַז סַאלְוַוא הָאט בַּיי אִיהְם גֶעגַנְבֶה'ט אַ בָּאמְבֶּע; עֶר הָאט גֶעזֶעהְן ווִי גִילְיָאם אִיז גֶעפְלוֹיגֶען אִין טוּיֶער פוּן דִי ווִילְיַארְס פַאלַאץ חַאפֶּען פַארְטְרֶעטְטֶען דֶעם קְנוֹיט. דָאךְ אִיז דִי זַאךְ זֶעהְר נִיט קְלָאר, נִיט גְלַאטִיג. אוֹיב מֶען הָאט בַּיי אִיהְם גֶעגַנְבֶה'ט אַ בָּאמְבֶּע מִיט אַ צוּזֶעצוּנְגְס-פּוּלְוֶוער, הֵייסְט עֶס דָאךְ אַז עֶר מַאכְט אַזָאלְכֶע בָּאמְבֶּעס אוּנ הַאלְט זֵיי בַּיי זִיךְ? גֶעוִויסְס אִיז, אַז ווֶען אֲפִילוּ עֶר הָאט נִיט מִיטְגֶעהָאלְפֶען סַאלְוַוא'ן הָאט עֶר גֶעמוּזְט מִיט זַיין גֶערַאנְיֶעט הַאנְד זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען, ווַייל ווֶען מֶען זָאל אִיהְם חַאפֶּען מִיט דֶער צוּבְּלוּטִיגְטֶער הַאנְד ווָאלְט מֶען אִיהְם גֶעווִיס נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אַז עֶר אִיז אוּמְשׁוּלְדִיג, בִּפְרַט אַז סְ'אִיז שׁוֹין דָא אַ חְשַׁד אוֹיף אִיהְם פוּן לַאנְג. יֶעדָאךְ אִיז דִי מַעֲשֶׂה זֶעהְר דוּנְקֶעל זֶעהְר שְׁרֶעקְלִיךְ. אֶפְשַׁר הָאט עֶר טַאקִי אַ חֵלֶק אִין דֶער מוֹרָאדִיגֶער קַאטַאסְטְרָאפֶע?..

ווִי עֶס שַׁיינְט הָאט גִילְיָאם דֶערְקֶענְט אִין פְּיֶער'ס צִיטֶערְנְדֶער הַאנְד, וָואס בַּיים בְּרוּדֶער אִין הַארְצֶען גֶעהְט יֶעצְט פָאר, ווִי נִידֶערְגֶעשְׁלָאגֶען עֶר אִיז.

— מַיין אָרִימֶער פְּיֶער — הָאט עֶר לַאנְגְזַאם אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען — פַערְצֵייהְע מִיר וָואס אִיךְ זָאג דִיר גָאר נִישְׁט. אִיךְ קָאן דִיר גָאר נִישְׁט זָאגֶען... אוּנ צוּ ווֶעלְכֶען צְוֶועק? סַיי ווִי סַיי ווֶעלֶען מִיר אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן נִיט פַארְשְׁטֶעהְן... בֶּעסֶער לָאמִיר שְׁווַייגֶען, זִיךְ זָאטְטִיגֶען מִיט אוּנְזֶער גְלִיק זַיין צוּזַאמְמֶען אוּנ לִיעב הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם צְווייטֶען.

פְּיֶער הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי אַרָאבְּגֶעלָאזְטֶע אוֹיגֶען אוּנ דִי צְווֵיי בְּרִידֶער הָאבֶּען לַאנְג זִיךְ אָנְגֶעקוּקְט.

— אַךְ! — הָאט זִיךְ צוּם סוֹף אַרוֹיסְגֶעְרִיסֶען פוּן פְּיֶער'ס מוֹיל — ווִי שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז דָאס!

גִילְיָאם הָאט פַארְשְׁטַאנֶען וָואס דֶער בְּרוּדֶער מֵיינְט. עֶר הָאט גֶעגַנְבֶּעְרְט

מיט די אויגען, אין וועלכע ס'האט זיך אָנגעצונדען א לויטערע, עדעלע פלאם.

— איך קאן דיר גאר ניט זאגען — האט ער ווייטער געערדט — אונ דאך זיין טהייערער פּיֶער, לאמיר איינער דעם אנדערן ליעב האבען.

פּיֶער האט געפיהלט, אז אין דער מינוט זיינען דעם ברודערס געדאנקען אבער פון יעדער ביעדריגען אינטערעס, ווייט פון דעם שרעק פון א געמיינעם ערברעכער, וואס ציטטערט פאר זיין איינען פעל; אים געגענטהייל, דעם ברודער האט גאר אין דעם מאכען זיין סעקרעט, זיין נייע ערפינדונג, נוטצליך פאר דער וועלט. צום אונגליק אבער האט פּיֶער'ס גוטע האפנונג ניט מעהר געדויערט איין סעקונדע. באלד האט דער צווייפעל צוריק אנגעהויבען נאגען זיין הארץ.

פּלוצלינג האט זיך פּיֶער דערמאנט א שרעקליכע קארטינע. מיט א ציטטערנער שטימע האט ער זיך געווענדעט צו גילאַם:

— האסט דו געזעהן, ברודער, דארט אין טויער דאס בלאנדע מאדיל אויסגעצויגען אויפ'ן רוקען, מיט א צוריסענע בויך אונ מיט א שמייכעל אויף די בלייכע ליפּען?

גילאַם האט אויך א שוידער געגעבען אונ געענטפערט שטיל, קוים וואס מען האט געהערט:

— יא, יא, ב'האב געזעהן... אומגליקליכע יונגע בעשעפעניש! א, ווי דער מקנאל איז אפּט אומגערעכט אין זיין משפּט!

פּיֶער, וואס האט שטאנדיג געפיהלט א נ'עקעל צו יעדער עולה אונ רציחה, האט ביט געקענט מעהר איינהאלטען די נערווענזע אנשטרענגונג; ער האט פארשטעקט דעם קאפּ אין קאלדרע אונ אנגעהויבען שרעקליך וויינען. די טרערען האבען זיך געגאסען אהן אויפהער. די גאנצע פערביטטערונג וואס האט זיך אנגעקליבען אין איהם פון אין דער פריה ביז יעצט, זיינע אללע שמערצען, זיין קרענקונג אונ ארצווייטאג פון די מענשליכע אונגערעכטיגקייט אונ מענשליכע צרות, האט זיך אויסגעגאסען אין א שטראם טרערען וואס איז גאר אונמעגליך איינצוהאלטען.

גילאַם, וועלכער איז אויך געוועזען זעהר געריהרט אין אויפגערעגט, האט מיט'ן האנד געגלעט דעם יונגען ברודער די האר, צו בערוהיגען איהם, ווי ער פלעגט איהם גלעטען נאך קינדערווייז איבער'ן קאפּ. ער האט געשוויגען, ניט געפינענדיג קיין ווארטער צו טרייסטען איהם, אונ פון זיינע אויגען האבען אויך אנגעהויבען רינגען טרערען.

— פּיֶער — האט ער ענדליך געזאגט שטיל — איך וויל, דו זאלסט געהן עסען מיטאג. געה, געה, עסס אפּ. פארשטעלל די לאמפּ, איך וועל ליעגען אליין אונ צומאכען די אויגען. מיר וועט בעססער ווערען.

פּיֶער האט איהם געמוזט פאלגען. ער איז ארויסגעגאנגען אין עסס-צימער, האט אבער ניט צוגעמאכט די טהיר. שטעהענדיג האט ער געגוממען עססען אונ אגאנצען טאג פאסטען, אונ זיך איינגעהערט: קרעכצט ניט דער ברודער

אָדֶער רוּפְט עֶר אִיהם אֶפְשַׁר ? אִין קְלֵיינֶעם הַייזֶעל אִיז נָאךְ שְׁטִילֶער גֶעוָוארֶען. גַ
וַוי קֵיין לֶעבֶּעדִיגֶער נֶפֶשׁ וָואלְט דָארְט נִיט גֶעוֶועזֶען.

אוּם הַאלְבּ נַיין, וֶוען סָאפִי אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן אִיהר שְׁלִיחוּת מָאנְמַארְטְר הָאט גִילְיָאם דֶערְהֶערְט אִיהרֶע טְרִיט, אָבְּוָואהל זִי אִיז זֶעהר שְׁבַ גֶעגַאנְגֶען. עֶר אִיז אוּנְרוּהִיג גֶעוָוארֶען, נַייגִיעָרִיג צוּ ווִיסֶען וֶועלְכֶע יְדִיעוֹת הָאב פוּן דָארְט גֶעבְּרַאכְט. פֶּיעֶר אִיז אַרַיינְגֶעלָאפֶען, בֶּערוּהִיגֶען אִיהם.

— זַיי נִיט אוּנְרוּהִיג. סָאפִי'ן הָאט בֶּעגֶעגֶענְט אַ גְ'אַלְטֶע דַאמֶע, צוּגֶעגַ׳מֶען אִיהר דָאס בְּרִיוֶועל, אִיבֶּערְגֶעלֶעזֶען אוּנ גָאר נִיט גֶעמַאכְט קֵיין שַׁאֲלוֹת. „גוּט" הָאט אַלְטֶע דַאמֶע נָאר גֶעזָאגְט אוּנ גָאר נִיט גֶעוֶוען נַייגִיעָרִיג זִי פַאנַאנְדֶערְפְרֶאגֶען.

גִילְיָאם הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַז פְּיֶער'ן אִיז אוֹיפְפֶאלִיג, וָואס אִין דֶערְדַ אִיז מֶען אַזוֹי גְלַייכְגִילְטִיג, דַארוּם הָאט עֶר אִיהם גַאנְץ רוּהִיג עֶרְקְלֶערְט:

— אָ, ס'אִיז גֶענוּג מֶען זָאל דֶער אַלְטִיטְשְׁקֶער פַארְחַאפֶען אוּנ. פְרִיהֶער מוּ זַיין. זִי וַוייס, אַז אוֹיבּ אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען אַהֵיים הָאבּ אִיךְ מִן הַסְתָּם נִיט גֶעקָא קוּמֶען.

דָאךְ עֶנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען הָאט גִילְיָאם נִיט גֶעקָאנְט. מֶען הָאט פַ שְׁטֶעלְט דִי לָאמְפּ אוּנ דֶער פֶערְוואוּנְדֶעטֶער הָאט פָארְט אַלֶע מִינוּט גֶעעֶפֶענְט אוֹיגֶען אוּנ זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט אִין אַלֶע זַייטֶען, גְלַייךְ עֶר ווִיל זִיךְ צוּהֶערֶען זַ ס'טְהוּט זִיךְ אוֹיסֶער'ן הוֹיז, אִין פַּארִיז. דֶער גַייסְטְלִיכֶער הָאט גֶעמוּזְט רוּפֶען דִיעֶנְסְט אוּנ פְרֶאגֶען, אוֹיבּ זִי הָאט נִיט בֶּעמֶערְקְט עֶטְוָואס בֶּעזָאנְדֶערֶעס, אוּנְגֶעוָוא לִיכֶעס, פָאהרֶענְדִיג אִין מָאנְמַארְטְר. סָאפִי הָאט זִיךְ פַארְוואוּנְדֶערְט פוּן שַׁאֲלָה, ווַייל זִי הָאט קֵיין שׁוּם זַאךְ נִיט בֶּעמֶערְקְט אוֹיפְ'ן וֶועג. אִיבְּרִיגֶענְס דֶער פוּהְרְמַאן גֶעפָאהרֶען מִיט אִיהר כְּסֵדֶר דוּרְךְ דִי עֶקְסְטֶע בּוּלְוַוארֶען, וָואס זַ בְּמְעַט גֶעוֶוען לֶעדִיג פוּן מֶענְשֶׁען. אַנַב זַיינֶען דִי גַאסֶען גֶעוֶוען אַ בִּיסֶעל פַארְצוֹ מִיט אַ לַייכְטֶען טוּמַאן.

אוּם נַיין אַ זֵייגֶער הָאט פֶּיעֶר זִיךְ אִיבֶּערְצֵייגְט, אַז דֶער בְּרוּדֶער וֶועט בְּ אוֹפֶן נִיט קָאנֶען אַיינְשְׁלָאפֶען, אוֹיבּ עֶר וֶועט אִיהם נִיט בְּרֶענְגֶען עֶפֶּעס יְדִי פוּן שְׁטָאדְט. לִיעגֶענְדִיג אִין הִיטְץ הָאט דֶער גֶערַאנְיֶעטֶער זִיךְ גֶעוָוארְפֶען אִין אַ זַייטֶען אוּנ גֶעבְּרֶענְט פוּן נַייגִיעֶר, וויסֶען אוֹיבּ מֶען הָאט אַרֶעסְטִירְט סַאלְוַוא'ן צוּ הָאט עֶר זִיךְ אִין עֶפֶּעס מוֹדֶה גֶעוֶוען. עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם אָנְשְׁטֶעלֶל, גְלַיין פַאר זַיין אֵייגֶענֶער פֶּערְזָאן הָאט עֶר קֵיין שׁוּם מוֹרָא נִיט; עֶס קָאן זַיין אַז דָאס גֶעוֶוען אַ אֱמֶת. אִיהם הָאט אָבֶּער גֶעדְרִיקְט אוּנ גֶעשְׁטִיקְט זַיין סֶעקְרֶעט. זַיין נַ פוּלְוֶוער וָואס עֶר הָאט עֶרְפוּנְדֶען, אוּנ עֶר הָאט גֶעצִיטֶערְט בַּיים גֶעדַאנְקֶען אַזאַ זֶעלְטֶענֶע עֶרְפִינְדוּנְג, וָואס הָאט גֶעקָאסְט אַזוֹי פִיעל מִיה אוּנ הָאפְנוּנְג, אַרַיינְגֶעפַאלֶען צוּ אַ בֶּעטְלֶער, אַ פַארְרִיקְטֶען קַבְּצָן אִין הַאנְד, וֶועלְכֶער ווִיל ז דִי בָּאמְבֶּעס אִיבֶּערְמַאכֶען דִי וֶועלְט.

אוּמְזָאנְסְט הָאט דֶער גַייסְטְלִיכֶער זִיךְ בֶּעמִיהְט אִיהם אַיינְרֶעדֶען אַז דֶער

ן מען נאך גאר ניט וויססען; ער האט געזעהן ווי דער געראניעטער ווערט יעדע
נוט אונרוהיגער און אונגעדולדיגער. מען מוז פרובען מיט אללע מיטטלען, איהם
יססעל בערוהיגען.

וואהין זאל ער אבער געהן? צו וועמען זאל ער זיך ווענדען? רעדענדיג האט
ליאם געזאגט א השערה אז ס'קען זיין, סאלווא האט זיך בעהאלטען ביי
זנסענען און א ווילע איז איהם איינגעפאללען דער געדאנקען, שיקען צו
כטענען געוואהר ווערען. באלד אבער האט ער זיך מיישב געווען אז דאס איז
ט קיין פלאן. אויב יאנסען ווייסט שוין פון דער מעשה איז ער ניט אזא נארר זיצען
ן דער היים און ניט בעהאלטען זיך.

— זאל איך אפשר געהן קויפען דיר די אבענד־צייטונגען? — האט פיער
ארגעשלאגען — נאר מן הסתם איז אין זיי נאך גאר נישט פארהאנדען. אין
ילי בין איך כמעט מיט אללעמען בעקאנט און דאך ווייס איך ניט צו וועמען זאל
יך מיך ווענדען... סיידען אפשר צו באש'ן...

— דו קענסט זיך מיט באש'ן דעם קהלשען יועץ?

— יא, צוזאממען האבען מיר געקליעבען און געטהיילט צדקות אין אונזער
ולק־שטאדט.

— א, באש איז מיינער א אלטער גוטער־פריינד. קיין זיכערערן מענשען פון
יהם בעדארף מען גאר ניט. געה, רוף איהם אהער, איך בעט דיך.

אין א פערטיל שעה ארום האט פיער געבראכט באש'ן וואס האט געוואהנט
אין דער צווייטער גאס — און מיט באש'ן איז אויך געקומען יאנסען, וועלכען
יער האט דארט, צו זיין גרוים ערשטוינען, געטראפען. גיליאם האט טאקי
אראוים געזאגט אז אזוי וועט זיין. דערוויססענדיג זיך ביי דער פירשטין צו מיטאג
עגען דער באמבע, איז יאנסען שוין ניט געגאנגען צו זיך אהיים אויף דער
„מערטירער" גאס, וואו די פאליציע האט איהם זעהר לייכט געקאנט חאפען. מען
האט גוט געוואוסט אז ער איז פערבונדען מיט די הפקר־יונגען, מען האט איהם
געהיט, און יעצט איז דאך זעהר לייכט איהם, אלס אויסלאנדער און אנארכיסט,
ארעסטירען אדער ארויסטרייבען פון פראנקרייך. על כן איז ביי איהם געבליבען,
עטליכע טאג זיך בעהאלטען ביי דעם גוטען באש, אויף וועלכען מען קען זיך
פאללקאמען פערלאזען, ווייל ער ווייס ניט פון קיין אויבער־המציאות און וויל
שטאנדיג טהון דעם צווייטען א טובה. פאר קיין געלט וואלט יאנסען יעצט ניט
געבליבען ביי ראזעמאנדען, די בעצויבערנדע האלב־משוגענע פירשטין, וואס צייט
א מאנאט איז איהר איינגעפאללען א קאפריז, א משוגענער געדאנקען ארומפיהרען זיך
מיט איהם און ארויסשטעללען פאר דער גאנצער וועלט.

גיליאם האט זיך שטארק דערפרייט וואס באש מיט יאנסענען זיינען
געקומען. ער האט געוואלט זיך זעצען אויפ'ן בעטט. פיער אבער האט דורכאויס
פערלאנגט, ער זאל בלייבען רוהיג ליעגען, ניט אויפהויבען דעם קאפ פון קישען,

און דִי הויפְּטְזַאכֶע . עֶר זָאל וִוי אַם וֶועניגְסְטֶען רֶעדֶען . יַאנְסֶען אִיז גֶעשְׁטַאנֶען שְׁטוּם , אָהְן וֶוארְטֶער , און בַּאשׁ הָאט צוּגֶערוּקְט אַ שְׁטוּהְל , זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּיים בֶּעטְט און אָנְגֶעהויבֶּען פְרַיינְדְלִיךְ שְׁמוּעֶסֶען מִיט'ן קְרַאנְקֶען .

בַּאשׁ אִיז גֶעוֶוען אַ דִיקְקֶער מַאנן , פון אַ יָאהְר זֶעכְצִיג , מִיט אַ בְּרֵייטֶען פוּלְלֶען גֶעזִיכְט , אַ גֶעדִיכְטֶען וַוייסֶען בָּארְד און לַאנְגֶע וַוייסֶע הָאר . זַיינֶע פְרַיינְדְלִיכֶע אויגֶען זַיינֶען שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶוען וִוי פַארְקְלֶערְט און אויף דִי פוּלְלֶע לִיפֶּען הָאט גֶעשְׁוֶועבְּט אַ גוּטְהַארְצִיגֶער שְׁמֵייכֶעל . עֶר הָאט גֶעהַאט אַ הִיבְּשֶׁען פֶערְמֶאגֶען אוּנ גֶעפִיהְרְט שְׁטֶאנְדִיג אַ רוּהִיג , אַ אָרֶענְטְלִיךְ לֶעבֶּען נָאר אַיינְמָאל הָאט אִיהְם גֶעטְרָאפְפֶען נִיט קֵיין גוּטֶע סִבָּה : אִין יָאהְר 1871 אִיז עֶר גֶעוֶוען פֶערְמִישְׁט מִיט דִי קָאמְמוּנִיסְטֶען ; וִוי אוּנ וַוארוּם — וַוייס עֶר אַלֵיין נִיט . נָאכְדֶעם הָאט מֶען אִיהְם אוּנְטֶער דִי אויגֶען פַארְמִשְׁפָּט צוּם טוֹידְט ; עֶר אִיז אַנְטְלָאפְפֶען אִין בֶּעלְגִיֶען אוּנ גֶעזֶעסֶען דָארְט בִּיז דִי רֶעגִירוּנְג הָאט אַלְלֶע פָּאלִיטִישֶׁע פֶערְבְּרֶעכֶער מוֹחֵל גֶעוֶוען , דַאמָאלְס אִיז עֶר צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אִין פַּארִיז . צוּם אַנְדֶענְקֶען הָאט אִיהְם דִי גֶעמֵיינְדֶע אִין נֵיילִי אויסְגֶעקְלִיבֶּען פַאר אַ מִיטְגְלִיעד אִין דִי פִיהְרֶער פון דֶער קְהִלָּה . אַלְלֶע הָאבֶּען אִיהְם גֶעשֶׁאצְט אוּנ גֶעלִיבְּט פַאר זַיין גוּטְסְקַייט אוּנ עֶדֶעלֶען כַאראַקְטֶער .

גִילְיָאם , וָואס הָאט גֶעגַארְט צוּ וִויסֶען וָואס אִין שְׁטָאדְט הֶערְט זִיךְ , הָאט גֶעמוּזְט עֶרְצֶעהְלֶען זַיינֶע גַאסְט דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת : דִי גֶעשִׁיכְטֶע מִיט דֶער בָּאמְבֶּע אוּנ וִוי סַאלְוַוא אִיז עֶנְטְלָאפֶען אוּנ וִוי עֶר , גִילְיָאם , אִיז פֶערְוואוּנְדֶעט גֶעוָוארֶען וֶוען עֶר אִיז גֶעלָאפְפֶען פַארְחַאפֶּען אוּנ פַארְלֶעשֶׁען דֶעם קְנוֹיט . יַאנְסֶען הָאט אויסְגֶעהֶערְט זַיין עֶרְצֶעהְלוּנְג גַאנְץ קַאלְטְבְּלוּטִיג אוּנ אַ הִיבְּשֶׁע צַייט קֵיין וָוארְט נִיט אַרויסְגֶערֶעדְט ; עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען שְׁטִילל אוּנ זֶעהְר לַאנְגְזַאם , ווייל אִיהְם אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶוען רֶעדֶען דָאס פְרַאנְצוֹיזִישׁ :

— אַךְ , דָאס הָאט סַאלְוַוא גֶעטְהוּן . . . אִיךְ הָאבּ גִיכֶער גֶעגְלוֹיבְּט אַז דֶער קְלֵיינֶער מַתְּיַת אִיז גֶעוֶוען דֶער מַאכֶער . אויף סַאלְוַואן וואונְדֶער אִיךְ מִיךְ טַאקִי ; וִוי קוּמְט צוּ אִיהְם אַזַא אַיינְשְׁטֶעלֶענִישׁ ?

אויף גִילְיָאמְס אוּמְרוּהִיגֶע פְרַאגֶע : וִוי מֵיינְט עֶר , וֶועט סַאלְוַוא זִיךְ אַרויסְחַאפֶּען מִיט אַ וָוארְט אוּנ אַרויסְגֶעבֶּען דֶעם אֱמֶת ? הָאט יַאנְסֶען אַנְפַאנְגְס גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט הִיטְץ, :

— אָה , נֵיין , נֵיין !

נָאכְדֶעם אָבֶּער הָאט עֶר מִיט פֶערְאַכְטוּנְג צוּגֶעגֶעבֶּען :

— אִיבְּרִיגֶענְס וֶוער קֶען וִויסֶען ? . . . סַאלְוַוא אִיז צוּפִיעל וַוייךְ .

בַּאשׁ אִיז גֶעוָוארֶען אַ צוּקָאכְטֶער הֶערֶענְדִיג דִי רְצִיחָה אוּנ בַּאלְד גֶענוּמֶען זוּכֶען פְּלֶאנֶער וִוי אַזוֹי קֶענְן מֶען , אויבּ ס'וֶועט זַיין אַ מְסִירָה , רַאטֶעוֶוען גִילְיָאמֶען . וֶועלְכֶען עֶר הָאט זֶעהְר לִיעבּ . גִילְיָאם וִוידֶער , זֶעהֶענְדִיג יַאנְסֶענְס קַאלְטְקַייט אוּנ פֶערְאַכְטוּנְג , הָאט גֶעהַאט יְסוּרִים פון דֶעם גֶעדַאנְקֶען , אַז דִי לַייט קֶענֶען אִיהְם רֶעכְנֶען פַאר אַ שְׁרֶעקֶעדִיגֶען , וָואס צִיטְטֶערְט פַאר זַיין אַייגֶען פֶּעל . וָואס זָאלל עֶר זַיי זָאגֶען .

י אזוי ערקלערען זיי, אז זיין דאגה איז פיעל העכער אונ עדלער? קענען ער דען
י ערצעהלען זיין געהיימניסס, ענטדעקען דעם סוד ווען ער האט אפילו פאר
עם אייגענעם ברודער בעהאלטען?

אין דער מינוט איז אריינגעגאנגען ס א פ י אונ געמעלדען פ י ע ר'ן, אז דער
ערר ט ע א פ י ל מ א ר ע ן איז געקומען אונ מיט איהם נאך עפעס א הערר.
י ע ר האט זיך געוואונדערט אויף אזא שפעטיגען וויזיט אונ איז ארויס אין צווייטען
יממער, זיי מקבל פנים זיין. מיט מ א ר ע ן איז ער בעקאנט געווארען קומענדיג
וריק פון איטאליען אונ האט איהם געהאלפען איבערזעצען אויף איטאליעניש
בוך, אין וועלכען ס'איז קורץ בעשריעבען אללע וויססענשאפטען פון אונזער צייט.
ארען איז געוועזען דער זוהן פון א ארעמען זייגער-מאכער, אונ האט אליין אויך ליעב
עהאט ארימע-לייט אונ געפיהלט א שנאה צו רייכקייט. אין פאריז איז ער אנגעקומען
גלם לעהרער אונ האט פלייסיג שטודירט פילאזאפיע. ער האט געפיהרט א ארעם,
ערענטליך אונ בעשיידען לעבען, נאר איינמאל האט ער אוועקגעווארפען דאס
לעהרעריי, געלאפען אין איטאליען אונ געווארען א זעלנער אין דעם בעריהמטען
א ר י ב א ל ד י ס מיליטער. נאכדעם איז ער צוריקגעקומען אין פאריז אונ ווייטער
געלעבט בדוחק פון זיין לעהרעריי.

אריינגעהענדיג אין שלאפצימער האט פ י ע ר געזאגט דעם ברודער:

— מ א ר ע ן האט געבראכט צו מיר ב א ר ט ע ס'ן, וועלכער מיינט, אז ער איז
אין געפאהר אונ בעט מיך, איך זאל איהם בעהאלטען ביי מיר.

ג י ל י א ם איז אויפגעלעבט געווארען.

— נ י ק א ל י י ב א ר ט ע ס! — האט ער אויסגעשריען — דאס איז דאך א העלד,
א ערהאבענער גייסט! איך קען איהם, איך שעץ אונ ליעב איהם... דו בעדארפסט
איהם צונעהמען מיט אפפענע האנד.

ב א ש אונ י א נ ס ע ן האבען א קוק געגעבען איינער אויפ'ן אנדערען מיט
א שמייכעל. יאנסען האט לאנגזאם, ווי זיין שטייגער איז, געזאגט מיט זיין קאלטען
געשפאט:

— צו וואס זאל זיך הערר ב א ר ט ע ס בעהאלטען? אללע רעכענען איהם ... יין
פאר א טוידטען, קיינער האט שוין קיין מורא ניט פאר דעם מת.

ב א ר ט ע ס, א נ'אלטער מאנן פון פיער-אונ-זיעבציג יאהר, איז מעהר ווי
פופציג יאהר געזעססען אין געפאנגנים. דאס איז געווען א אייביגער ארעסטאנט,
אללע רעגירונגען האבען איהם טראנספארטירט פון איין פעסטונג אין דער צווייטען.
נאך פון קינדהייט איז ער ארומגעגאנגען מיט דער פאנטאזיע, אז אללע מענשען
זאללען זיין ברידער, שטאנדיג האט ער געבונטעוועט אונ דאס האט איהם געפיהרט
אין אסטראג.

— איהר זייט אייך טועה — האט ג י ל י א ם געענטפערט י א נ ס ע נ ע ן — מען
וויל בארטעס'ן ווייטער פארשפארען. אונזערע פאליטישע רעדעלפיהרער קאננען

נִיט לַיידֶען זַיין אָפְּפֶענְהֶארְצִיגְקַייט , זַיין עֶהרְלִיכְקַייט . וֶועהר קְלִיג פוּן זַיין זַייט וָואָ עֶר וִויל זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען

עֶס אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען נִיקָאלַיי בַּארְטֶעס , אַ הויכֶער אַלְטֶער מַאן אַ טְרוּקֶענֶער , אַ דִינֶער , דִי נָאז וִוי דֶער שְׁנָאבֶּעל פוּן אַ אָדְלֶער , מִיט בְּרֶענֶענְדִיגֶע אַיינְגֶעפַאלֶענֶע אוֹיגֶען אוּנ דִיקֶע גְרוֹיסֶע בְּרֶעמֶען . דֶער מוֹיל אָהן צֶאהן אִיז כִּמְעַט אַ גַאנְצֶען פַארְדֶעקְט מִיט אַ שְׁנֶעעֶ וַוייסֶען בָּארְד , דִי לַאנְגֶע לָאקֶען פוּן דִי זִילְבֶּערְנֶע הָאר בֶּעדֶעקֶען זַיין קַארְק . הִינְטֶער אִיהם אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט גְרוֹיס עֲנִיווּת טֶעאָפִּיל מָארֶען , מִיט גְרוֹיסֶע בַּאקֶענְבֶּארְד , גְרוֹיסֶע קוּרְצְגֶעשׁוֹירֶענֶע הָאר , אוֹיף דִי אֵייגֶען בְּרִילֶען , דָאס פָּנִים גֶעלְל , אוֹיסְגֶעמוּטְשֶׁעט , וִוי גֶעוֶואהְנְלִיךְ בַּיי אַלְטֶע לֶעהְרֶער .

בֵּיידֶע פְרִישֶׁע גֶעסְט הָאבֶּען זִיךְ גָאר נִיט גֶעוואוּנְדֶערְט טְרֶעפֶענְדִיג דָא גִילְיָאמֶען אַ פֶערְוואוּנְדֶעטֶען . בַּארְטֶעס הָאט זִיךְ אַיינְגֶעבּוֹיגֶען אוּנ אַ קוּשׁ גֶעטְהָאן דֶעם קְרַאנְקֶען אִין בֵּיידֶע בַּאקֶען .

— אָךְ ! — הָאט גִילְיָאם גֶעזָאגְט מִיט פְרֵייד — אַז אִיךְ זֶעה אֵייךְ וֶוער אִיךְ מוּנְטֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער .

דִי נַייעֶ גֶעסְט הָאבֶּען שׁוֹין גֶעבְּרַאכְט מַאנְכֶע יְדִיעוֹת פוּן שְׁטָאדְט . אוֹיף דִי בּוּלְוַוארֶען אִיז אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער גֶערוּדֶער ; דִי גֶעשִׁיכְטֶע מִיט דֶער בָּאמְבֶּע אִיז גֶעפְלוֹיגֶען פוּן אֵיין קַאוֶוע-הוֹיז אִין צְוֵוייטֶען . אֵיין צַייטוּנְג , וָואס הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ עֶקְסְטְרַא בְּלַאט וֶועגֶען דֶעם צוּפַאלל , הָאט מֶען צוּחַאפְּט אוּנ גֶערִיסֶען פוּן דִי הֶאנְד . דָארְט אִיז אָפְּגֶעדְרוּקְט פוּרֶע לִיגֶענְס . אִין אֱמֶת וַוייסְט נָאךְ קֵיינֶער נִיט גֶענוֹי וִוי אַזוֹי דִי מַעֲשֶׂה אִיז גֶעשֶׁעהְן .

בֶּעמֶערְקֶענְדִיג וִוי דֶער בְּרוּדֶער וֶוערְט בְּלַאס , הָאט פְּיֶער אִיהם גֶעצְוואוּנְגֶען , עֶר זָאל זִיךְ צוּרִיק אַנִידֶערְלֶעגֶען . אָבֶּער וֶוען פְּיֶער הָאט גֶעוָואלְט אַרוֹיסְפִיהְרֶען דִי גֶעסְט אִין צְוֵוייטֶען צִימֶער הָאט דֶער פַארְוואוּנְדֶעטֶער זִיךְ שְׁטִילְל אָפְּגֶערוּפֶען :

— נֵיין נֵיין , אִיךְ פַארְשְׁפְּרֶעךְ דִיר , אַז כ'וֶועל מִיךְ נִיט אוֹיפְרֶעגֶען . . . אֲפִילוּ דֶעם מוֹיל וֶועל אִיךְ נִיט אֶפְּפְנֶען . זִיצְט דָא אוּנ רֶעדְט שְׁטִילְל , דָאס וֶועט מִיר נָאךְ בֶּעסְסֶער מַאכֶען — כ'וֶועל נִיט בְּלַייבֶּען אַלֵיין אוּנ וֶועל הֶארֶען וִוי אִיהר רֶעדְט .

צְוִוישֶׁען דִי גֶעסְט הָאט זִיךְ פֶערְבּוּנְדֶען אַ שְׁטִילְלֶער שְׁמוּעֶס אִין דֶעם דוּנְקֶעלֶען צִימֶער . אַלֶע הָאבֶּען מַסְכִּים גֶעוֶוען אַז דִי בָּאמְבֶּע אִיז אַ מִיאוּסֶע רְצִיחָה . מֶען קֶען דִי וֶועלְט בֶּעסְסֶער אַיינְאָרְדְנֶען מִיט פַארְשִׁידֶענֶע גֶאנְג , אָבֶּער נִיט מִיט אַזַא ווִילְדֶען וֶועג . יַאנְסֶען , דֶער פַארְקַאכְטֶער אַנַארְכִיסְט , אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ אוֹיסְגֶעהֶערְט זַייעֶרֶע רֵייד מִיט אַ שְׁפֶּעטִישֶׁען שְׁמֵייכֶעל , מַאנְכֶעס מָאל זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען אַ וָוארְט וָואס הָאט גֶעשְׁנִיטֶען וִוי אַ שַׁארְפֶע בְּרִיטְוֶוע . פְּיֶער הָאט זִיךְ שְׁטַארְק אִינְטֶערֶעסִירְט מִיט זַייעֶרֶע וִכּוּחִים . אַקוּק גֶעבֶּענְדִיג אוֹיפ'ן בְּרוּדֶער הָאט עֶר דֶערְזֶעהְן וִוי עֶר לִיגְט בְּלַאס וִוי קַאלְךְ , מִיט צוּגֶעמַאכְטֶע אוֹיגֶען .

— דוּ הָאסְט שְׁמֶערְצֶען ? — הָאט דֶער גֵייסְטְלִיכֶער אוּנְרוּהִיג גֶעפְרֶעגְט .

— יָא, אַבִּיסֶעל. אִיךְ וֶועל מִיךְ סְטַארֶען אַיינְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען;

אַלְלֶע זַיינֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, דְרִיקֶענְדִיג אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן דִי הַאנְד שְׁטִילְל, אָהְן וֶוערְטֶער, נָאר נִיקָאלַיי בַּארְטֶעס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען נֶאכְטִיגֶען אִין אוֹיבֶּער־שְׁטִיבֶּעל, וואו סָאפִּי הָאט אִיהְם גֶעבֶּעט. פְּיֶער הָאט זִיךְ גֶעלֶעגְט אוֹיף דֶער סָאפֶּע, דֶער בְּרוּדֶער זָאל נִיט בְּלַייבֶּען אַלַיין. אִין קְלֵיינֶעם הַייזֶעל אִיז צוּרִיק שְׁטִילְל גֶעוָוארֶען, אַלְלֶעס אִיז אַיינְגֶעשְׁלָאפֶען..

זִיבֶּען אַ זֵייגֶער אִין דֶער פְרִיה אִיז פְּיֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין גַאס, קוֹיפֶען פְרִישֶׁע צַייטוּנְגֶען. גִילְיָאם הָאט גֶעהַאט זֶעהְר אַ שְׁלֶעכְטֶע נַאכְט, גֶעלֶעגֶען אִין הִיטְץ, אוּנ דָאךְ הָאט עֶר יֶעצְט פְּיֶער'ן נִיט אֶבְּגֶעלָאזְט, עֶר זָאל אִיהְם אִיבֶּערְלֶעזֶען אַלְלֶע לַאנְגֶע אַרְטִיקְלֶען, וָואס דִי צַייטוּנְגֶען הָאבֶּען גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹדוֹת דֶער גֶעשִׁיכְטֶע מִיט דֶער בָּאמְבֶּע. דָארְט אִיז גֶעוֶוען אַ גֶעמִישֶׁעכְץ פוּן אֱמֶת מִיט שְׁקָרִים; אֵיין קֶערְנְדֶעל וַואהְרְהַייט אִיז אוֹיסְגֶעמִישְׁט אִין אַ גַאנְצֶען הוֹיפֶען לִיגֶענְס, פְּלוֹידֶערַיי. בִּפְרַט סַאנְיֶע'ס צַייטוּנְג „פָאלְקְס שְׁטִימְמֶע" הָאט זִיךְ צוּלָאזְט גָאר אָהְן אַ שִׁיעוּר, גֶעדְרוּקְט אִיהְרֶע יְדִיעוֹת מִיט גְרוֹיסֶע בּוּכְשְׁטַאבֶּען אוּנ מוֹרָאדִיגֶע טִיטְלֶען, גֶעפּוֹיקְט אוֹיף וָואס דִי וֶועלְט שְׁטֶעהְט. סַאנְיֶע הָאט דֶערְוַוייל אֶפְּגֶעלֶעגְט אוֹיף שְׁפֶּעטֶער דֶעם בֶּערִיהְמְטֶען צֶעטְטֶעל פוּן דִי 32 אִיבֶּערְגֶעקוֹיפְטֶע דֶעפּוּטַאטֶען אוּנ סֶענַאטָארֶען, אוּנ הָאט גֶעפְּרַאהְלְט מִיט דֶער גֶענוֹיֶע בֶּעשְׁרַייבּוּנְג וִוי ס'זֶעהְט אוֹיס דֶער טוֹיֶער אִין דִי ווִילַאר'ס פַּאלַאץ נָאכְ'ן אוֹיסְשִׁיסֶען, וִוי דֶער אוֹיסְגֶערִיסֶענֶער בְּרוּק פוּן גַאס זֶעהְט אוֹיס, דֶער אַיינְגֶעפַאלְלֶענֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער עֶטַאזְשׁ, דִי וַואנְט — הַכְּלָל עֶס הָאט זִיךְ בַּיי סַאנְיֶען גָאר נִיט אוֹיסְגֶעשֶׁעפְּט קֵיין רֵייד

נָאכְדֶעם אִיז גֶעוֶוען בֶּעשְׁרִיבֶּען דִי גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶעם בַּארָאנְס צְוֵויי קִינְדֶער, וָואס זַיינֶען וִוי דוּרְךְ אַ נֵס גֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארֶען: אֲפִילוּ דִי קַארֶעטֶע אִיז נִיט אָנְגֶערִיהְרְט; דֶער פָאטֶער אוּנ דִי מוּטְטֶער — דֶערְצֶעהְלְט מֶען — הָאבֶּען זִיךְ פַארְזַאמְט אִין שְׁטָאדְט, גֶעהֶערְט דֶעם בִּישָׁאף מַארְטַא'ס דְרָשָׁה... אוֹיף אַ גַאנְצֶע זַייט אִיז גֶעוֶוען גֶערֶעדְט וֶועגֶען דֶעם אֵיינְצִיגֶען קָרְבָּן פוּן דֶער רְצִיחָה — אַ אָרִימֶע, שֶׁאנִינְקֶע מָאדִיסְטְקֶע, וֶועלְכֶע דִי בָּאמְבֶּע הָאט צוּרִיסֶען דֶעם בּוֹיךְ. וֶוער זִי אִיז וֵוייס מֶען נָאךְ נִיט, אֶבְּוָואהְל אַ גַאנְצֶע מַחֲנֶה רַאפָּארְטֶערֶען אִיז שׁוֹין גֶעלָאפֶען אוֹיף דֶער אָפֶּערְן־גַאס צוּ דֶער וִוירְטִהִין פוּן מַאגַאזִין, נָאכְדֶעם אוֹיף דֶער פָארְשְׁטַאדְט סֶען־דֶענִי, וָואס דָארְט, לוֹיט וִוי מֶען זָאגְט, וואהְנְט דֶעם מֶאדֶעלְס אַ בָּאבֶּע.

אִין דֶער צַייטוּנְג „גְלָאבּ" ווִידֶער אִיז גֶעוֶוען אַ עֶרְנְסְטֶער אַרְטִיקֶעל, וָואס דֶער רֶעדַאקְטָאר פָאנְסֶעג זֶעלְבְּסְט הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען. מִיט וַוארִימֶע וֶוערְטֶער הָאט זִיךְ דִי צַייטוּנְג גֶעוֶוענְדְט צוּם פַּארְלַאמֶענְט, גֶעבֶּעטְטֶען רַחֲמִים בַּיי דִי דֶעפּוּטַאטֶען וָואס לִיעבֶּען זֵייעֶר פָאטֶערְלַאנְד, אַז יֶעצְט, וֶוען דָאס לַאנְד גֶעפִינְט זִיךְ אִין אַזַא גֶעפַאהְר, זָאלֶען זֵיי נִיט צוּלָאזֶען צוּ קֵיין שׁוּם קְרִיזִיס, נִיט אַרָאפְּוַוארְפֶען דָאס מִינִיסְטֶערִיוּם... מֶען הָאט גֶעזֶעהְן בֶּעשַׁיינְפֶּערְלִיךְ, אַז דֶעם מִינִיסְטֶערִיוּם אִיז בֶּעשֶׁערְט צוּ לֶעבֶּען נָאךְ עֶטְלִיכֶע וָואכֶען.

פון איין יְדִיעָה איז גִילְיָאם איבּערראַשט געוואָרען: ווען ווייס ניט ווער ס'האָט אונטערגעוואָרפען די באָמבּע. יעצט אַלְיָא איז שוין ניטאָ קיין שום צווייפעל אַז סאלוואַ'ן האָט מען ניט אַרעסטירט און מען איז איהם אפילו ניט חושד אין דעם פארברעכען. אים געגענטהייל, מען איז גאָר געפאַללען אויף אַ פּאַליאַשען שליאַד — עפּעס אַ עלעגאַנטען העררן אין האנדשוה. וועלכען אַ ציבּען האָט געזעהן ווי ער איז אַריינגעגאַנגען אין פאַלאַין די לעצטע מינוט פאַר'ן אויסשיסען. גִילְיָאם האָט זיך אַ ביסעל בּערוהיגט ווען דער בּרודער האָט איהם געלעזען אין אַ צווייטער צייטונג די בּעשרייבּונג פון דער באָמבּע, וואָס דער פאַרבּרעכער האָט אונטער־געוואָרפען — דאָס איז געווען אַ זאַנין קליינע שאַכטעל פון קאָנסערווען; מען האָט געפונען ניט ווייט די שטיקליך בלעך פון שאַכטעל. נאָר באַלד איז דער פערוואונ־דעטער צוריק אונרוהיג געוואָרען, ווען דער בּרודער האָט איהם פאַרגעלעזען ווי אַלע וואונדערן זיך, אַז אַזאַ קליינע אַנגעלאָדענע שאַכטעל זאָל זיין אים שטאַנד צו מאַכען אַזאַ גרויסען חורבּן; מען איז חושד אַז אין דער שאַכטעל איז געוועזען אַ נייעמאָדנער פולווער, וואָס האָט אַ שרעקליכען כּח צום צורייסען.

אַכט אַ זייגער איז געקומען בּערטעראַ, פּרייש, מינטער, אַבוואָהל ער איז שוין אַ זקן, אַ זיעבּציגער, — ווי אַ יונגער פעלדשער וואָס לויפט אַריין אויף אַ ווייל‍ע צו אַ גוטען בּרודער מאַכען עפּעס אַ קליינע אָפּעראַציעלע. ער האָט געבּראַכט מיט זיך חירורגישע געצייג, באַנדאַזשען און פליימוך. דערזעהענדיג דעם פערוואונדעטען ווי ער איז אין גאַנצען רויט, נערוועז, אויפגערעגט און ברענט אין היטץ, איז בּערטעראַ אין כּעס געוואָרען.

— נו, מיין טהייערער, איך זעה אַז איהר פיהרט זיך ניט אָרענטליך! וואַהרשיינליך האָט איהר פיעל געפּלוידערט. זיך אויפגערעגט, געערגערט?...

ער האָט גוט בּעטראַכט די ראַנע, גענומען באַנדאַזירען און געזאָגט:

— איהר בּעדאַרפט דאָך וויסען אַז דער בּיין איז געריהרט און אויב איהר וועט זיך ניט אָפּהיטען בּין איך אייך ניט ערב אַז מען וועט ניט מוזען די האַנד אין גאַנצען אָפּשניידען.

פּ יָ ע ר איז פאַרציטטערט געוואָרען; גִילְיָאם האָט נאָר געגעבּען אַ ציה מיט די פּלייצעס, ווי איינער רעדט: אַז אָפּשניידען איז אָפּשניידען — אויך מיר אַ נ'אומגליק!

בּערטעראַ האָט זיך אַ ווייל‍ע אַניעדערגעזעצט און געקוקט אויף די צוויי בּרידער מיט זיינע שאַרפע, דורכשטעכעדיגע אויגען. ער האָט שוין געוואוסט פון דער באָמבּע און מן הסתּם יעצט טאַקי געטראַכט דערפון

— האָרט, מיין טהייערער — האָט ער אָנגעהויבּען רעדען שאַרף — איך בּין זיכער אַז ניט איהר האָט געטהון די שרעקליכע נאַרישקייט דאָרט אויף גאַראַדע־מאַרואַ גאַס. אָבּער מיר דאַכט, אַז איהר האָט זיך געמוזט געפינען דאָרט ערגעץ באַהעענט... ענטפערט מיר ניט, פאַרענטפערט זיך ניט. איך וויל פון קיין זאַך ניט

ווִיסְסֶען, ווִיל אַייךְ נִיט אויסְפָּארְשְׁטֶען און אֲפִילוּ נִיט פְרֶעגֶען ווִי זֶעהְט אוֹיס דֶער מַיְיוִוילְשֶׁער פוֹלְוֶוער, ווָאס אִיז נֶעכְטִין קֶאנְטִיג גֶעוֶוען אויף אַייעֶר אַרְבִּיל און ווָאס הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַזוֹי פִיעל צָרוֹת . . .

בֵּיידֶע בְּרִידֶער זַיינֶען טוֹידְט גֶעוָוארֶען פוּן שְׁרֶעק . עֶר הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט און גֶעזָאגְט שׁוֹין עֶטְוָואס וֵוייכֶער :

— אַךְ , פְרַיינְד מַיינֶע ! יוֹעֶן אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען ווִי ווַייט אִיךְ רֶעכֶען אַזַא רְצִיחָה פַאר אוּמְנוּצִיג , שׁוֹין נִיט רֶעדֶען ווָאס דָאס אִיז אַ גְרוֹיסֶע זִינְד . . . עֶס עֶקֶעלְט מִיר פַאר יֶעדֶער פָּאלִיטִישֶׁע מַאכְעַרַיי , יֶעדֶען בּוּנְט . אִיז דֶען דִי ווִיסְסֶענְשַׁאפְט אַלֵיין ווֶענִיג ? צוּ ווָאס זָאל מֶען לוֹיפֶען פָאְרְאוֹיס , הַאפֶּען דִי פִישׁ פַאר דֶער נֶעץ , אַז אֵיין טְרִיט פוּן דֶער ווִיסְסֶענְשַׁאפְט פִיהְרְט דִי מֶענְשֶׁען גֶעשְׁווִינְדֶער צוּם צִיעל , צוּ גֶערֶעכְטִיגְקַייט , אֱמֶת און פַיינְקַייט , מֶעהְר ווִי הוּנְדֶערְט יָאהְר פָּאלִיטִישֶׁע מַחְלוֹקֶת׳ן און רֶעווָאלוּצְיֶעס ! נָאר דִי ווִיסְסֶענְשַׁאפְט קֶען פַארְיָאגֶען דִי פִינְסְטֶערְנִישׁ , נָאר זִי אִיז אַ סְגוּלָה צוּ אַלֶעס בֶּאז , נָאר זִי קָאן שַׁאפֶען לִיכְט און גְלִיק . . . אִיךְ בִּין אַ רֶעווָאלוּצְיָאנִיסְט , אִיךְ , דֶער מִיטְגְלִיעד פוּן דֶער אַקַאדֶעמְיֶע , דֶער בֶּעהַאנְגֶענֶער מִיט מֶעדַאלְיֶען . —

בַּיי דִי ווָארְטֶער אִיז עֶר אויפְגֶעשְׁטַאנֶען און גֶעזֶעגֶענְט זִיךְ צוּם אַוֶועקְגֶעהְן .

— אִין גִיכֶען ווֶעל אִיךְ דָא נָאךְ אַ מָאל קוּמֶען — הָאט עֶר גֶעזָאגְט דְרִיקֶענְדִיג זֵיי דִי הַאנְד — זַייט נָאר גֶעשַׁיידְט און הָאט לִיעבּ אֵיינֶער דֶעם צְווַייטֶען .

ווֶען דִי בְּרִידֶער זַיינֶען גֶעבְּלִיעבֶּען אַלֵיין הָאט פְּיֶער זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּיים בְּרוּדֶער צוּקָאפֶּענְס . זַייעֶרֶע הֶאנְד הָאבֶּען זִיךְ ווַייטֶער בֶּעגֶעגֶענְט און צוּנוֹיפְגֶעפְלָאכְטֶען . בֵּיידֶע זַיינֶען גֶעוֶוען טִיעף בֶּעווֶעגְט און שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנְרוּהִיג . דִי טוּנְקֶעלֶע שַׁיין פוּן דֶעם ווִינְטֶערִיגֶען טָאג הָאט זִיךְ גֶענָאסְסֶען דוּרְכ׳ן פֶענְסְטֶער , וואוּ מֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעזֶעהְן דִי שְׁווַארְצֶע בֵּיימֶער פוּן גָארְטֶען . אִין קְלֵיינֶעם הַייזֶעל אִיז ווִידֶער שְׁטִילְל גֶעוָוארֶען ; מֶען הָאט נָאר גֶעהֶערְט טְרִיט פוּן פִּים אוֹיבֶען אִיבֶּער׳ן סוּפִּיט : דָאס אִיז נִיקָאלַיי בַּארְטֶעס אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין אוֹיבֶּערְשְׁטִיבֶּעל הִין און צוּרִיק .

אִין דֶער מִינוּט הָאבֶּען בֵּיידֶע בְּרִידֶער ווִי נִיט ווִילְלֶענְדִיג אַ קוּק גֶעטְהוּן אויף אַ בְּלַאט צַייטוּנְג ווָאס הָאט זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט אויפְ׳ן בֶּעט . דָארְט אִיז גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעבִּילְט מִיט גְרָאבֶּע שְׁטְרִיכֶען דָאס טוֹידְטֶע מֶאדֶעל , דִי מָאדִיסְטְקֶע , מִיט דֶעם צוּרִיסְסֶענֶעם בּוֹיךְ און נֶעבֶּען אִיהְר דָאס שַׁאכְטֶעל מִיט אַ דַאמֶען־הִיטֶעלֶע . . . דָאס בִּילְד אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ , אַזוֹי הֶעסְלִיךְ , אַז בַּיי פְּיֶער הָאבֶּען זִיךְ גֶעווִיזֶען צְווַיי גְרוֹיסֶע טְרָאפֶּען טְרֶערֶען און גִילְיָאמְס אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעקוּקְט מִיט אַ טְרוֹיעֶרִיגֶען בְּלִיק עֶרְגֶעץ ווַייט , גְלַייךְ זֵיי ווִילֶען זֶעהְן ווָאס אִין דֶער צוּקוּנְפְט אִיז בֶּעהַאלְטֶען . . .

II.

דאס קליין הייזעל אויף דעם בארג מאנמארטר, וואו גיליאמס פאמיליע האט געוואהנט, האט אין יענעם חמארנעם ווינטער־טאג געוואַרט רוהיג אויפ'ן בעל־הבית.

נאך פרישטיק האט גיליאם בערעכענט, אז עס קען זיין ער זאל דא ביים ברודער מוזען ליעגען גאנצע דריי וואכען, כדי די פאליציי זאל איהם ניט אפזוכען. דער געדאנקען האט איהם שטארק בעאונרוהיגט. ביי איהם איז געבליעבען, שיקען פיער'ן אהיים, ער זאל זיי ערצאהלען די גאנצע מעשה אונ ערקלערען ריכטיג וואס מיט איהם האט פאסירט;

— זיי אזוי גוט, ברודער, אונ טהו מיר די טובה: געה, זאג זיי דעם גאנצען אמת. זאג אז איך בין געראנייעט אבער ניט געפאהרליך, אונ איך בעט זיי, זיי זאלען מיך ניט קומען בעזוכען אהער: איך האב מורא מען זאל זיי ניט נאכשפירען אונ ענטדעקען מיין בעהאלטניש. מיין נעכטיגער בריף קאן זיי סוף כל סוף איבער־שרעקען אויב איך וועל זיי ניט געבען צו ווסען פון מיר.

נאכדעם האט ער ווייטער געזאגט פארזארגט:

— זוך אין דער רעכטער קעשענע פון מיין וועסט... דארט ליעגט א קליין שליסעלע, גיב דאס איבער מיין שוויגער, די מאדאם לערוא אונ זאג איהר, אז אויב עס וועט מיט מיר געשעהן עפעס א נ'אומגליק, זאל זי טהון ווי איך האב איהר געהייסען. זי וועט שוין פארשטיין וואס איך מיין.

— יא, יא, בערוהיג דיך, ריהר זיך ניט. איך וועל זיי שוין אללעם ערקלערען. מאפי וועט זיין דא אין צימער אונ דיך בעדינען אויב דו וועסט עפעס געברויכען.

פיער האט אנגעזאגט דער דינסט וואס זי האט צו טהון, אונ ער איז אוועק־געגאנגען צום טראמוויי, צופאהרען ביז דעם בולוואר ראשע־שואר אונ. פון דארט וועט ער שוין צופוס ארויפגעהן אויפ'ן בארג מאנמארטר.

זיצענדיג אין וואגען זיינען איהם ארויף אויף די געדאנקען אלטע געשיכטען וועגען ברודער:

אין יאהר 1850 איז געקומען צופאהרען קי'ן פאריז א יונגער קראפעססאר לערוא, זוכען דא זיין גליק אונ ער האט געקריגען א שטעלע אין ליצעאום. ער איז געווען א היטץ־קאפ אונ א פערקאכטער רעפובליקאנער. באלד האט ער חתונה געהאט מיט א מיידעל פון א ארעם פאמיליע. בשעת זיין פרוי איז געווארען שוואנגער האט ער געמוזט ענטלויפען פון פאריז, ווייל די פאליציי האט איהם געוואלט ארעסטירען פאר זיינע ארטיקלען אין די צייטונגען. דאס איז געווען דאמאלס ווען נאפאלעאן דער דריטער איז געווארען קיסר פון פראנקרייך. לערוא איז ענטלאפען מיט'ן ווייב אין שווייץ. דארט איז זיי אין יאהר 1852 געבוירען געווארען די טאכטער מארגאריטא — א שוואך אונ א עדעל קינד. גאנצע זיעבען יאהר האט זיך

די פאמיליע געמוטשעט אין דער פרעמד: דער פאטער האט קוים געפונגען עפעס ארבייט און די מוטער איז שטענדיג געווען פארנומען מיט׳ן קראנקען קינד. לסוף האט די פראנצאזישע רעגירונג מודיע געווען אז זי איז מוחל אלע פאליטישע פארברעכער און זיי מאגען קומען צוריק אין פראנקרייך. אבער א טאג דאפיר, ווען דער ס׳איז אנגעקומען די גוטע בשורה, האט דער פאמיליע געטראפען א שרעקליכער אומגליק: לערוא איז פלוצלינג פאראליזירט געווארען אויף ביידע פיס. פון דענסטמאל אן האט זיך אנגעהויבען פאר דער קליינער פאמיליע א לעבען פון נויט און דחקות. א פראפעסאר האט ער שוין ניט געקענט זיין, ער האט געמוזט זיצען גאנצע טאג אין דער היים, געשמידט צום שטוהל, און זיך מפרנס זיין פון איבערשרייבען פאפירען, שרייבען ארטיקלען אין לוחות אדער באנדעראלען פון צייטונגען. דאס האט זיי קוים געקלעקט אויף ברויט מיט וואסער און דירה-געלט.

דערוויל איז די טאכטער מארגאריטא אונטערגעוואקסען. לערוא, וואס איז געווען פארביטערט פון זיינע צרות און פון די מענשליכע אומגערעכטיגקייט, האט געזאגט נביאות אז נאפאלעאן וועט האבען א שלעכטען סוף און אין פראנקרייך וועט ווערען א רעפובליק, וואס וועט זיך אפרעכנען פאר אלע חטאים פון דער פריהעריגער רעגירונג. די פרוי זיינע, אגאטא, האט זיצענדיג אין זשענעווא פערלארען דאס לעצטע ביסעל אמונה, און זי איז געווען די גאנצע פיהרערין פון הויז, האט געשאפט ארבייט פאר׳ן מאנן און פאר זיך, געפיהרט דיווירטהשאפט, ערצויגען און געבילדעט די טאכטער. מארגאריטא האט ניט בעזוכט קיין שולע און ערצויגען געווארען גאר אהן רעליגיע, ווייל ניט דער פאטער און ניט די מוטער זיינען געווען רעליגיאז.

באלד נאך דער דייטש-פראנצאזישער מלחמה איז גילי אם בעקאנט געווארען מיט דער פאמיליע לערוא. ער האט געוואהנט אין דעם זעלבען הויז אין א גרויס צימער און פלייסיג זיך בעשעפטיגט מיט זיין ארבייט. אנפאנג האבען זיי זיך געקענט פון דערווייטענס, קוים געגריסט איינער דעם אנדערן, ווייל די לערוא׳ס זיינען געווען זעהר שטאלץ און ניט ארויסגעוויזען דעם דלות. ביסליכווייז אבער זיינען זיי געווארען בעפריינדעט און דער יונגער-מאנן האט געשאפט דעם פאראליטיק ארבייט: שרייבען עטליכע ארטיקלען אין א ענציקלאפעדישען ווארטער-בוך. פלוצלינג האט דער אומגליקליכער פאמיליע געטראפען דער לעצטער קלאפ: דער פאטער איז געשטארבען א פלאצליכען טוידט ווען די טאכטער האט איהם אריבערגעפיהרט אין שטוהל פון טיש צום בעטט.

די צוויי פרויענצימער זיינען געבליבען אין אזא שרעקליכען צושטאנד, אז זיי האבען אפילו ניט געהאט מיט וואס צו מקבר זיין דעם געשטארבענעם. מיט טרערען האבען זיי געמוזט אויסזאגען זייער ביטטערן סוד, ארויסגעבען די ארעמקייט, און פון דענסטמאל אן איז גילי אם געווארען זייער פריינד, זייער בעשיצער; אהן איהם האבען זיי ניט געקאנט אויסקומען. די יונגע לייט האבען אנגעהויבען ליבען

צוּזאַמֶען, אוּנ דִי מוּטֶער, וָואס אַלֶע רֶעלִיגְיֶאזֶע מִנְהָגִים הָאבֶּען בַּיי אִיהר קֵיין וָוערְטְה נִיט גֶעהַאט, הָאט זֵיי נִיט גֶעשְׁטֶארְט. גִילְיָאם, וֶועלְכֶער אִיז אַלְט גֶעוֶוען דְרַיי־אוּנ־צְוַואנְצִיג יָאהר, אִיז גֶעוָוארֶען דֶער מַאנְן פוּן דֶער צְוַואנְצִיגְיֶאהְרִיגֶער מַארְגַארִיטַא: בֵּיידֶע זֵיינֶען גֶעוֶוען גֶעזוּנְט, שְׁטַארְק אוּנ שֶׁאן, פֶערְלִיעבְּט אֵיינֶער אִין דֶעם אַנְדֶערְן אוּנ גֶעזֶעהן פַאר זִיךְ אַ פְרֶעהלִיכֶע, לִיכְטִיגֶע צוּקוּנְפְט.

פוּן דַאמָאלְס אָן הָאט פַאר זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ נַייֶעס לֶעבֶּען. גִילְיָאם הָאט זִיךְ אִין גַאנְצֶען אָפְּגֶערִיסֶען פוּן זַיין מוּטֶער אוּנ הָאט בֶּעקוּמֶען נָאכ'ן פָאטֶער אַ הַכְנָסָה פוּן צְוֵויי הוּנְדֶערְט פְרַאנְק יֶעדֶען חֹדֶשׁ. עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען פַארְזִיכֶערְט מִיט אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, אוּנ אַ חוּץ דֶעם הָאט עֶר פֶערְדִיעֶנְט נָאךְ אַזוֹי פִיעל דוּרְךְ דֶער הֶעמִיע. דִי נַייֶע פַאמִילְיֶע הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אוֹיפְ'ן בַּארְג מָאנְמַארְטְר אִין אַ גֶעדוּנְגֶען הַייזֶעל, פַאר וֶועלְכֶען זֵיי הָאבֶּען גֶעצָאהלְט אַכְטְהוּנְדֶערְט פְרַאנְק אַ יָאהר דִירָה־גֶעלְט. הִינְטֶערְן הוֹיז אִיז גֶעוֶוען אַ גָארְטִיל. וואו שְׁפֶּעטֶער הָאבֶּען זֵיי דָארְט גֶעקֶענְט מַאכֶען אַ גְרוֹיסֶען לַאבָּארַאטָארְיוּם. דִי מַאדַאם לֶערוּאַ הָאט זִיךְ רוּהִיג בֶּעזֶעצְט דָארְט מִיט דֶער טָאכְטֶער אוּנ מִיט'ן אֵיידֶעם, הָאט זֵיי גֶעהָאלְפֶען פִיהרֶען דִי וִוירְטְשַׁאפְט אוּנ גֶעוַוארְט אוֹיף אֵיינִיקְלִיךְ, זִי זָאל זֵיי קֶאנֶען עֶרְצִיהֶען. דִי אֵיינִיקְלִיךְ הָאבֶּען נִיט גֶעלָאזְט לַאנְג וַוארְטֶען אוֹיף זִיךְ: פְרִיהֶער אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען טָאם, נָאכְדֶעם פְרַאנְסוּאַ אוּנ לְסוֹף דֶער דְרִיטֶער, אַנְטוּאַן; אַלֶע דְרַיי גֶעזוּנְטֶע אוּנ קְרֶעפְטִיגֶע יוּנְגֶען. מַאדַאם לֶערוּאַ הָאט זִיךְ יֶעצְט מִיט לַייב אוּנ לֶעבֶּען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִי אֵיינִיקְלִיךְ, וִוי אַמָאל דֶעם מַאנְן מִיט דֶער טָאכְטֶער. אִין אַ גַאנְץ קוּרְצֶער צַייט הָאט אִיהר דָאס גַאנְצֶע הוֹיז, פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, נִיט אַנְדֶערְשׁ גֶערוּפֶען נָאר „דִי בַּאבּוּנְיוּ״. זִי אִיז גֶעוֶוען דֶער שׁוּץ־מַלְאָךְ פוּן גַאנְצֶען הוֹיז, אִיהר עֵצָה, אִיהר דֵעָה אִיז גֶעוֶוען בַּיי אַלֶעמֶען הֵיילִיג אוּנ וָואס זִי הָאט גֶעזָאגְט הָאבֶּען אַלֶע גֶעפָאלְגְט.

פִינְפְצֶעהן יָאהר זֵיינֶען אַרִיבֶּער. אִין שְׁטִילְלֶען הַייזֶעל אִיז גֶעוֶוען פְרֵייד אוּנ גְלִיק. דִי בָּאבֶּע הָאט גֶעפִיהרְט דִי גַאנְצֶע וִוירְטְשַׁאפְט, גֶעוֶוען זֶעהר עֶקָאנָאמִישׁ אוּנ זֵיי הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט גַאנְץ פַיין. וֶוען גִילְיָאמְס מוּטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ עֶר הָאט בֶּעקוּמֶען זַיין טְהֵייל יְרוּשָׁה, הָאט עֶר דָאס גֶעדוּנְגֶען הַייזֶעל אִין גַאנְצֶען אָפְּגֶעקוֹיפְט אוּנ אִין גָארְטֶען גֶעלָאזְט אוֹיסְמוֹיעֶרֶען פוּן צִיגֶעל אַ גְרוֹיסֶען לַאבָּארַאטָארְיוּם אוּנ אוֹיבֶּען אַ שְׁטָאק צוּם וָואהנֶען. נָאר קוֹים אִיז דֶער בִּנְיָן פַארְטִיג גֶעוָוארֶען אוּנ מֶען הָאט גֶעבְּרוֹיכְט אָנְהֵייבֶּען אַ נַייֶעס לֶעבֶּען, הָאט דֶער פַאמִילְיֶע גֶעטְרָאפֶען אַ שְׁרֶעקְלִיךְ אוּמְגְלִיק: מַארְגַארִיטַא אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען אוֹיף אַ טִיפוּס אוּנ נָאךְ אַכְט טָאג אִיז זִי שׁוֹין גֶעלֶעגֶען אִין קֶבֶר. זִי אִיז דַאמָאלְס מֶעהר נִיט אַלְט גֶעוֶוען וִוי פִינְף־אוּנ־דְרַייסִיג יָאהר אוּנ דֶער עֶלְטְסְטֶער זוּהְן טָאם אִיז מֶעהר נִיט אַלְט גֶעוֶוען וִוי פִיערְצֶעהן יָאהר. גִילְיָאם אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען אַ נַיין־אוּנ־דְרַייסִיג יֶאהְרִיגֶער אַלְמָן, מִיט דְרַיי קִינְדֶער אוֹיף דִי הֶענְד אוּנ אַ בְּלוּטִיגֶע וואוּנְד אִין הַארְצֶען. אַרַיינְנֶעהמֶען אַ נַייֶע, אַ פְרֶעמְדֶע פְרוֹי אַהֶער אִין דֶער עֶנְג־גֶעקְנִיפְּטֶער פַאמִילְיֶע, הָאט אִיהם אוֹיסְגֶעוִויזֶען אוּנְמֶאגְלִיךְ, עַל כֵּן אִיז בַּיי אִיהם פֶּעכְט גֶעבְּלִיעבֶּען, נִיט מֶעהר הַתּוֹנָה

האבען. ער האט זיך אין גאנצען אריינגעטהון אין זיין ארבייט און געהאפט אז זי וועט איהם בערוהיגען דעם גייסט מיט'ן קערפער. צום גליק איז די באבוניו געבליבען אין שטוב און די קינדער האט ניט געפעהלט קיין ערציהערין. זי האט אויף זיי אכטונג געגעבען, געהאדעוועט און ערצויגען.

אזוי זיינען אריבער נאך צוויי יאהר. פלוצלינג איז די פאמיליע פארגראססערט געווארען מיט נאך א פערזאן, מארי קוטירע, די טאכטער פון גיליאמס א נ'אלטען גוטען פריינד. איהר פאטער איז געווען א אויסטראכטער פון פארשידענע משוגענע מאשינען. ער האט אויף דעם פערלארען זיין גאנץ פארמעגען. די פרוי זיינע וואס איז געווען זעהר א פרומע, איז געשטארבען פון גרויס הארצוועהטאג. זיין טאכטער האט ער ליעב געהאט דאס גאנצע לעבען, אפגעשיטט זי מיט מתנות, אבער וועניג געזארגט פאר איהר, זי אבגעגעבען אין א פענסיאן און איבערגעלאזט ביי א ווייטער קרובה. פאר'ן טוידט האט ער געבעטען גיליאמען, זי צונעהמען אין זיין הויז און חתונה מאכען. דערווייל האט די ווייטע קרובה, וואס האט געהאט א געשעפט פון וויים-גרעט, באנקראטירט און די נייןצעניאהריגע מארי איז געבליבען עלענד, אהן א שטיקעל ברויט און אהן א גראשען ביי דער נשמה. גיליאם האט ניט געוואלט ערלויבען, זי זאל ארומלויפען געבען לעקציעס, און ער האט זי צוגענומען צו זיך אין הויז, זי זאל העלפען דער באבוניו, וועלכע איז שוין ניט געווען אזוי מונטער און שטארק ווי אין די פריהעריגע יאהרען. איבריגענס האט די אלטע זעלבסט ערלויבט צונעהמען זי; נאך מעהר, זי האט גיליאמען צוגערעדט דערצו, אריינברענגען א יונגע און פרעהליכע פערזאן אין דעם הויז, וואו נאך מארגאריטאס טוידט איז געווארען אזוי שטילל און טרויעריג. מארי וועט זיין א עלטערע שוועסטער ביי די יונגלעך, וועלכע זיינען נאך געגאנגען אין שולע און ס'איז קיין שום געפאהר ניט, אריינלאזען צווישען זיי א פריילין. זי וועט ארבייטען צוזאמען מיט אללעמען אין הויז ביז זי וועט זיך איינליעבען אין א ערענטליכען מענשען און חתונה האבען.

עס זיינען אריבער פינף יאהר. מארי האט ניט איבערגעווארפען דאס גליקליכע הויז. די גוטע ערציהונג וואס זי האט בעקומען אין דער יוגענד איז געפאללען אויף א גוטען גרונט: זי האט אללעס געוואוסט, אבער געבליבען ריין און ערענטליך, מיט א זעלטען איינפאכען כאראקטער, ניט איבערגעשפיצט, וואס געהערט דאס געמיינט. אבוואהל זי האט געהאט די מדה פון אללע פרויענצימער: קוקען אויף איהר שאנקייט, אבער ניט געווען קיין קאקעטקע, זיך ניט פערשלאגען דעם קאפ מיט פוסטע זאכען, שטענדיג געווען בעשעפטיגט, פרעהליך און צופריעדען. זי האט ניט געבויט קיין לופט-פאלאצען, בעגניגענט זיך מיט וועניג, און ניט פאנטאזירט פון אזעלכע זאכען וואס מען קען צו זיי ניט גרייכען. מיט גרויס צארטליכקייט פלעגט זי דערמאנען איהר פרומע מוטטער, אליין אבער האט זי ביסליכווייז אויפגעהערט היטטען אללע רעליגיאזע מנהגים, ביז צום סוף איז

זי׳ גֶעוָוארֶען ווי די בַּאבֶּע אַ אַפִּיקוֹרֶס׳תֶע, ניט וַוייל זי האָט זיך איבֶּערְצֵייגְט אין דעם, נָאר פְרָאסְט ווי אַ גוטֶע גֶעזוּנְטֶע מֶאדֶעל, וָואס עֶרְפִּילְלְט אָרֶענְטְלִיך איהר חוב צוּ דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אונ האָט אַ רֵיינֶעם גֶעווִיסֶען. זי האָט שְׁטֶענְדִיג גֶעפְּלָאגְט דָאס וָואס דֶער סָאוֶועסְט האָט איהר גֶעהֵייסֶען, וַוייל, ווי זי פְּלֶעגְט זָאגֶען, נָאר דֶער סָאוֶועסְט איז דֶער בֶּעסְטֶער עֵצָה־גֶעבֶּער. צְוֵויי מָאל הָאבֶּען זיך צו איהר גֶעשַׁדְכֶנְט חֲתָנִים אונ זי האָט זֵיי בֵּיידֶען אָפְּגֶעזָאגְט, אונ אַז גִילְיָאם האָט איהר דֶערְפַאר פָארְגֶעהַאלְטֶען האָט זי איהם גֶעפְרֶעגְט אַ פֶּערְוואוּנְדֶערְטֶע: צוּ איז זי איהם שוין גֶעוָוארֶען צוּ לַאסְט אונ עֶר וויל פון איהר פָּטוּר וֶוערֶען? איהר איז גֶעוֶוען גוּט אונ וואוֹהל אין זַיין הויז אונ זי האָט זיך גֶעסְטַארֶעט זַיין נוּטְצִיג. צוּ וָואס זָאל זי דָאס הויז אַוֶועקְוַוארְפֶען? צוּ וָואס זוּכֶען אַ נְ׳אַנְדֶער לֶעבֶּען אַז זי איז אין קֵיינֶעם נִיט פַארְלִיעבְּט אונ דָא איז זי גַאנְץ גְלִיקְלִיך?

בִּיסְלִיבְוַוייז איז גֶעוָוארֶען אַלֵיין פון זיך אַ פְּלַאן, גִילְיָאם זָאל מִיט מַארִי חֲתוּנָה הָאבֶּען, אונ מִיט יֶעדֶען טָאג האָט זיך אַלְץ מֶעהר אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען אַז דֶער פְּלַאן איז זֶעהר אַ גְלַייכֶער. עֶר האָט נִיט גֶענוּמֶען בִּיז אַהֶער קֵיין צְוֵויטֶע פְרוֹי נָאר צוּלִיעב די זִיהן, נִיט אַרַיינְבְּרֶענְגֶען אין הויז אַ ווִילְד פְרֶעמְדֶע פְרוֹי, וָואס קֶען שְׁטֶערֶען דֶעם שָׁלוֹם אונ די רוּהֶ פון גַאנְצֶען הויז. מַארִי איז אָבֶּער אַ הֵיימִישֶׁע, בֶּעגֶעהט זיך מִיט די קִינְדֶער ווי אַ אֵייגֶענֶע מוּטְטֶער. דֶערְצוּ איז זי נָאך יוּנְג אונ שֶׁאן. עֶר איז אויך נָאך גֶעזוּנְט אונ שְׁטַארְק אונ פְּלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג זָאגֶען לַייטֶען אַז אַ מֶענְשׁ בֶּעדַארְף נִיט זִיצֶען אַלֵיין, אַבְּוָואהל עֶר זֶעלְבְּסְט, וָואס איז גֶעוֶוען פַארְטְהוּן אין זַיין אַרְבֵּייט, האָט נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעלִיטֶען דֶערְפוּן וָואס עֶר איז אַ נְ׳אַלְמָן. עֶס וָואלְט אֶפִילוּ בַּיי איהם רֶעכְט גֶעוֶוען נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען אונ בְּלַייבֶּען אַלֵיין ווי בִּיז יֶעצְט, בִּפְרַט אַז עֶר איז אַזוֹי פִיעל אֶלְטֶער פון מַארִי, אָבֶּער די בַּאבּוּנְיוּ אונ די זִיהן הָאבֶּען אויך גֶעהַאלְטֶען פַאר דֶעם שִׁידוּך אונ גֶעגַארְט אַז די פַאמִילְיֶע זָאל וֶוערֶען נָאך מֶעהר גֶעקְנִיפְּט אונ גֶעבּוּנְדֶען. מַארִי, וָואס איז גֶעוֶוען טִיעף גֶערִיהְרְט פון גִילְיָאמְס גוּטְסְקֵייט צוּ איהר אין די לֶעצְטֶע פִינְף יָאהר, איז בַּאלְד מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען. זי איז גֶעוֶוען זִיכֶער אַז אויף אַזַא אוֹפֶן וֶועט זי זַיין פָאלְקָאמֶען גְלִיקְלִיך. מֶען האָט אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט די חֲתוּנָה אויף דֶעם קִינְפְטִיגֶען פְרִיהלִינְג, אין סוֹף מָאנַאט אַפְּרִיל;

וֶוען פְיֶער איז אַרוֹיס פון וַואגַאן אונ גֶענוּמֶען אַרוֹיפְגֶעהן אויפ׳ן בַּארְג מָאנְמַארְטְר אין דֶער גַאס „עֶלֶעטֶער" וואוּ דֶער בְּרוּדֶער וָואהנְט, האָט זיך איהם גֶעדַאכְט אַז עֶר גֶעהט אין אַ אוּמְרֵיינֶעם אָרְט, אין אַ הויז, וואוּ מֶען וֶועט איהם גֶעווִיס בֶּעלֵיידִיגֶען. אויסֶער דֶעם וֶועט עֶר מִן הַסְּתָם גֶעפִינֶען אין הויז אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען לֵיארְם, אַ אוּמֶעט, נָאך דֶעם גֶעסְטְרִיגֶען צֶאטְטִיל אַז דֶער פָאטֶער וֶועט נִיט קוּמֶען נֶאכְטִיגֶען. דָאך אַרוֹיפְגֶעהֶענְדִיג אַיבֶּען האָט פְיֶער שוין פון דֶערְוַוייטֶענְס דֶערְזֶעהֶן דָאס קְלֵיינֶע הַייזֶעל פְרֶעהלִיך בֶּעלַייכְט מִיט דֶעם שַׁיין פון דֶער וִוינְטֶערִיגֶער זוּנְן אונ פון איהם וַוייעט אַ זֶעלְטֶענֶע פְרֵיעדְלִיכְקֵייט אונ שְׁטִילְלְקֵייט.

פון דֶער „גְלֶעטֶער" גַאס אִיז גֶעוֶועֶן אַ קְלֵיין פָּארְטְקֶע אִין גֶארְטִיל. דָאךְ דֶער הוֹיפְּט אַרַיינְגַאנְג אִין הויז אִיז גֶעוֶועֶן פון דֶער צְוַוייטֶער זַייט, דוּרְךְ דֶעם גְרוֹיסֶען פְּלַאץ „טֶערְטְר" וָואס הָאט אויסְגֶעזֶעהְן ווִי אַ מַארְק אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶאדְטִיל מִיט קְלֵיינֶע אָרִימֶע קְרָאמֶען. גִילְיָאמְס הויז אִיז גֶעוֶועֶן פְרִישׁ אָבְּגֶעוַוייסְט, מִיט פִינְף פֶענְסְטֶער צוּם פְרָאנְט, אָבֶּער דוּרְךְ דִי פֶענְסְטֶער הָאט קֵיינְמָאל קֵיינֶער נִיט אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף דְרוֹיסֶען, וַוייל דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועֶן פון דֶער אִינְוֶועֶנִיגְסְטֶער זַייט, צוּם גֶארְטִיל צוּ, פון וַואנֶעט מֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעזֶעהְן גַאנְץ פַּארִיז

פֶּיֶער הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט הַארְץ אוּנ אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען פַארְ'ן הֶענְטִיל פון גְלָאק, וֶועלְכֶע הָאט גֶעבְלִישְׁצֶעט ווִי גָאלְד; עֶס הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אַ פְרֶעהְלִיכֶער קְלַאנְג. דָאךְ אִיז מֶען נִיט אַזוֹי גֶעשְׁוִוינְד גֶעקוּמֶען אֶפְּפֶענֶען אוּנ עֶר הָאט שׁוֹין גֶעהַאט בְּדֵעָה קְלִינְגֶען נָאךְ אַ מָאל. פְּלוּצְלִינְג הָאט זִיךְ דִי טְהִיר בְּרֵייט גֶעעֶפֶענְט אוּנ פַאר אִיהְם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ יוּנְגֶע פְרַיילַיין פון אַ יָאהְר פִינְף-אוּנ-צְוַואנְצִיג, אִין אַ אַיינְפַאכֶען שְׁוַוארְצֶען וָואלֶענֶעם קְלֵיידֶעל מִיט אַ בְּלוֹיעֶן פַארְטוּךְ, דִי אַרְבֶּעל פַארְקַאטְשֶׁעט בִּיז אִיבֶּער דִי עֶלְלֶענְבּוֹיגֶענְס, מִיט פַייכְטֶע, נַאר וָואס אָפְּגֶעוַואשֶׁענֶע, הֶאנְד.

זֵיי זַיינֶען אַ וַוילֶע בֵּיידֶע צוּמִישְׁט גֶעוָוארֶען. דָאס מֶאדֶעל, וָואס הָאט פְרֶעהְלִיךְ גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר, אִיז פְּלוּצְלִינְג עֶרֶענְסְט גֶעוָוארֶען דֶערְזֶעהֶענְדִיג אַ אוּמְבֶּעקַאנְטֶען מֶענְשֶׁען אִין אַ גַלַחְשֶׁען מַאנְטֶעל. דֶער גַייסְטְלִיכֶער הָאט גֶעשְׁוִוינְד גֶעחַאפְּט זִיךְ פָארְשְׁטֶעלְלֶען:

— אִיךְ בִּין גַייסְטְלִיכֶער פֶּיֶער פְרָאמַאן.

תֵּכֶף הָאט אוֹיף אִיהְר גֶעזִיכְט ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפִּילֶען אַ פְרַיינְדְלִיכֶער שְׁמַייכֶעל.

— אַךְ, פֶערְצַייהֶעט, בִּיטֶע זֶעהְר, הֶערְר גַייסְטְלִיכֶער!... אִיךְ הָאבּ אַייךְ נִיט דֶערְקֶענְט, אָבְּוָואהְל אִיךְ הָאבּ אַייךְ שׁוֹין אַ מָאל גֶעזֶעהְן, וֶוען אִיהְר זַייט פַארְבַּייגֶעגַאנְגֶען אוּנ זִיךְ גֶעגְרִיסְט מִיט גִילְיָאמֶען;

זִי הָאט גִילְיָאמֶען אָנְגֶערוּפֶען פְרָאסְט בַּיים נָאמֶען. אַלְזָא דָאס אִיז מַארִי; פֶּיֶער הָאט מִיט ווִאוּנְדֶער זִי בֶּעטְרַאכְט; נִיט אַזוֹי הָאט עֶר זִי בִּיז אַהֶער זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְלְט. זִי אִיז גֶעוֶועֶן פון מִיטֶעלֶען גֶעוואוּקְס, אָבֶּער שְׁטַארְק אוּנ פַארְטְרֶעפְלִיךְ גֶעבּוֹיט, מִיט בְּרֵייטֶע קְלוֹבֶּעס, בְּרֵייטֶע פְלֵייצֶעס אוּנ אַ הוֹיכֶע בְּרוּסְט. זֶעהֶענְדִיג זִי הָאט מֶען גֶעפִיהְלְט אַז זִי אִיז פְרִישׁ אוּנ גֶעזוּנְט, מִיט שְׁטַארְקֶע טוּסְקֶעלְן; אִיהֲר גַאנְג אִיז גֶעוֶועֶן פְרַיי, מוּנְטֶער אוּנ מָלֵא חֵן. זִי אִיז גֶעוֶועֶן אַ בְּרוּנֶעטְקֶע, דֶער קֶערְפֶּער ווִי וַוייסֶער כַּארְמָאר; דִי גֶעדִיכְטֶע וואוּנְדֶערְלִיכֶע הָאר שְׁוַוארְץ ווִי קָאהְל אוּנ פַארְדְרֶעהְט אוֹיפְ'ן קָאפּ אֵיינְפַאךְ, אָהְן קוּנְצֶען. דֶער שְׁטֶערְן אַ רֵיינֶער, אַ קְלוּגֶער, דָאס נֶאזִיל דִין, דִי פְרֶעהְלִיכֶע אוֹיגֶען לַייכְטֶען לֶעבֶּעדִיג. דֶער נִידְרִיגֶער טְהֵייל פון גֶעזִיכְט, דִי פְלֵיישִׁיגֶע לִיפֶּען אוּנ דִי מַאסְסִיווֶע מָארְדֶע

האבען געצייגט אז זי האט א רוהיגען גוטען כאראקטער. מען האט דערקענט א איהר אז זי וועט זיין א אויסגעצייכענטע פרוי, צארטליך אונ געטריי.

פעיער איז אין ערשטען אויגענבליק ערשטוינט געוואָרען וואס זי איז אזוי געזונט, אזוי רוהיג אונ איינגעגלויבט אין זיך; וואס זי האט אזאלכע געדיכטע האר אונ פראכטיגע האנד, פארקאטשעט גאר אהן חכמות. זי איז איהנ ניט געפאללען געוואָרען: דאס איז א בעשעפעניש פון א נ'אנדער וועלט, א וועלט וואס איז איהם להלוטין פרעמד.

— מיין ברודער גיליאם האט מיך טאקי געשיקט אהער...

איהר געזיכט איז ווידער ערנסט געוואָרען אונ זי האט דעם גייסטליכ געשווינד איינגעלאדען אריינגעהן אינווענדיג אין קארידאר.

— איהר האט אונז געבראכט נאכריכטען פון איהם — האט זי אנגעהויבען רעדען צומאכענדיג די טהיר — פערצייהעט וואס איך נעהם אייך צו אין אזא פארמע אונזערע דינסטען האב נאר-וואס געענדיגט דאס גרעט-וואשען אונ איך האב איבער געזעהן אויב זיי האבען געמאכט ווי געהעריג. נאך א מאל בעט איך אייך אונ פערצייהונג. קומט אריין אהער א ווייל. עס איז פיעלייכט בעססער, איך זא פריהער פאר אללע וויססען אלסדינג.

זי האט איהם אריינגעפיהרט לינקס, אין צימער נעבען קיך, וואו ס'אי געווען די וועשעריי. דארט איז געשטאנגען א באליע פול וואססער מיט מילינע פון זייף. דאס וואססער האט געגאססען פון דעם גרעט וואס איז געווען אויסגע האנגען אויף הילצערנע בעלקעס.

— נו, וואס איז מיט גיליאמען?

פעיער האט איהר אפפען ערצאהלט דעם גאנצען אמת — אז דער ברודער אי פלוצלינג דורך א אומגליקליכען צופאלל געראניעט געוואָרען אין געלענק פון האנד ער איז יעצט ביי איהם אין ניילי אונ פערלאנגט, מען זאל איהם לאזען רוהי אויסקורירען, מען זאל אפילו ניט קומען איהם מבקר חולה זיין. ערצאהלענדי האט ער אכטונג געגעבען אויף מארים געזיכט, וואס פאר א ווירקונג זיינע ריי וועלען אויף איהר מאכען. אנפאנגס איז געווען קענטיג אויף איהר פנים שרעק אונ מיטלייד, נאכדעם — ווי זי וויל זיין איינגעהאלטען אונ דעם גאנצען ענ בעטראכטען מיט'ן געזונטען פערשטאנד.

— נעכטין אין אָווענד — האט זי צום סוף געזאגט — האט מיך זיין בריעף שרעקליך בעאונרוהיגט; ביי מיר איז גאר קיין ספק ניט געווען אז עפעס א נ'אומגליכ איז געשעהן. מען דארף אבער ניט פארליערען דעם מוטה, ניט ארויסווייזען דעכ שרעק פאר אנדערע... אלזא איז ער געראניעט אין האנד אונ די ראנע איז ניט חלילה געפאהליך?

— ניין, געפאהרליך איז זי ניט, אבער דאך בעדארף מען זי זעהר פאר זיכטיג קורירען.

זי האָט איהם שאַרף אָנגעקוקט; איהרע גרויסע אויגען האָבען איהם דורכגעשטאָכען, גלייך זי וויל פון איהם אויספאָרשטען דעם גאַנצען אֱמת, און דאָך האָט מען געזעהן ווי זי האַלט זיך איין און וויל ניט פרעגען קיין סך שאלות כאָטש זיי ליעגען איהר אויף דער צונג.

— און דאָס איז אַללעס? ער איז געראַניעט דורך אַ אומגליקליכען צופאַל און מעהר האָט ער אייך גאָר ניט געהייסען אונז איבערגעבען?

— ניין. ער פערלאַנגט נאָר, איהר זאָלט זיך ניט בעאונרוהיגען.

מאַרי האָט מעהר קיין שאלות ניט געמאַכט און בעגניגענט מיט דעם וואָס גילִיאַם האָט געגעבען צו וויסען פון זיך, צו בערוהיגען זיי. זי האָט אפילו ניט געפּרובט פרעגען וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ אומגליקליכער צופאַל. באַלד אין דער פריה האָט זי זיך גענומען צו איהר געוועהנליכער אַרבייט, אָבוואָהל טיעף אין האַרצען איז זי געווען זעהר אונרוהיג דורך דעם נעכטיגען בריעף. אויך יעצט האָט זי ניט פערלאָרען איהר מונטערקייט, איהר שמייכעל, איהר לויטערן בליק.

— גִילִיאַם האָט מיר מעהר קיין זאַך ניט איבערגעבען — האָט פּיער ווייטער גערעדט — אויסער דאָס, אַז איך זאָל דער מאַדאַם לערואַ איבערגעבען אָט דעם שליסעלע.

— גוט — האָט זי געזאָגט איינפאַך — די באַבוניו איז אין דער היים. יאָ, מחשבותן, איהר בעדאַרפט זיך דאָך זעהען מיט די קינדער... איך וועל אייך אַריינפיהרען.

יעצט, ווען זי איז שוין געוואָרען אַ ביסעל רוהיגער, האָט זי גענויען בעטראַכטען פּיער׳ן נייגיעריג. אין איהר בליק איז קענטיג געווען גוטהאַרציגקייט אויסגעמישט מיט מיטלייד. איהרע פרישע און ווייסע אָרעמס זיינען נאָך אַלץ געבליבען פאַרקאַטשעט. פּאַמעלאַכן, אָהן דעם מינדסטען ביוש, האָט זי גענומען אַראָפּלאָזען די אַרבעל. נאָכדעם האָט זי אויסגעטהון דעם בלויען פאַרטוך וואָס האָט פאַרדעקט איהר קיילעכדיגע שאַנע און געזונטע טאַליע. פּיער האָט בעטראַכט אַללע איהר בעוועגונגען; זי איז איהם באמת ניט געפעלען געוואָרען, איהם האָט געריינט איהר רוהיגקייט, איהר געזונטקייט און מונטערקייט.

— קומט מיט מיר, הערר גייסטליכער... מען בעדאַרף דורכגעהן דעם גאַרטען.

אין הויז, פון דער אַנדער זייט קאָרידאָר, געגענאיבער דער קעך מיט׳ן וואַש-צימער, זיינען געווען נאָך צוויי חדרים, אַ קאַבינעט מיט די פענסטער צום מאַרק, און אַ עס-צימער, מיט צוויי פענסטער צום גאַרטען. די פיער חדרים אויבען, אויפ׳ן ערשטען שטאָק, זיינען געווען שלאָפצימערן פאַר׳ן פאָטער מיט די דריי זיהן. דאָס קליין גאַרטיל האָט יעצט אויסגעזעהן ווי אַ איינפאַכער הויף, בעשיטעט מיט זאַמד, ווייל אין ווינקעל האָט מען געבויט אַ גרויסע מייסטער-שטוב. פון די אַלטע ביימער זיינען ניט מעהר געבליבען ווי צוויי גרויסע קאַרשען-ביימער

אונ עטליכע באזבוימלעך , וועלכע האבען אין פריהלינג זיך בעדעקט מ
שמעקענדיגע בליאכין . אונטער דעם באז האט מארי געמאכט עטליכע ביימ
אין וועלכע זי פלעגט אליין פארזעצען רויזען, רעזעדא אונ אנדערע בלומען .

זי האט א וויז געגעבען מיט דער האנד אויף די שווארצע קארשען-ביימער באז אונ רעזעדא, אויף וועלכע וואו-ניט-וואו האבען זיך געוויזען גרינינקע שפראצונג אויף דעם גאנצען איינגעשלאפענעם ווינקעל .

— זאגט גילזאמען , ער זאל ווי אם געשווינדעסטען געזונט ווערען או קומען אהער צו די ערשטע פופקעלעך אויף די צווייגען .

פיער האט א קוק געגעבען אויף איהר אונ איהרע ביידע באקען זיינען א דער זעלבער סעקונדע בעגאססען געווארען מיט א פורפורנע רויטקייט . זי פלעג זעהר לייכט רויט ווערען , ביא דער קלענסטער בעמערקונג האט איהר געזיכט אנגעהויבען פלאמען . ביי איהר איז דאס אויסגעקומען זעהר נאריש , רוי ווערען ווי א קליין מיידעלע פון דער מינדסטער איבעררא שונג , וועהרענד איהר הארץ איז אזוי פול קוראזש אונ שטארק ווי ביי א מאנספערזאן , אונ דאך האט איהר ריינע וויבערישע בלוט ניט געוואלט פאלגען אונ אנגעהויבען שפילען ביי דער קלייגסטער אויפרעגונג . ווארהרשיינליך האט זי זיך יעצט איינפאך פארשאמט דאדורך וואס זי האט גערעדט וועגען פריהלינג , וואס אויף דאמאלס איז בעשטימט געווארען איהר חתונה .

— ביטטע , געהט אריין , הערר גייסטליכער . די קינדער זיינען אלע אי דער היים .

זי האט איהם אריינגעפיהרט אין מייכטער-שטוב

די שטוב איז געוועזען זעהר א גרויסע , הויך זעקס ארשין , די פאדלאגע אויס געלעגט מיט ציגעל , די וואנט אויסגעפארבט דונקעל-גרוי . דורך די הויכע ברייטע פענסטער , פון וועלכע מען האט ארויסגעזעהן גאנץ פאריז , האט די זון פארגאססען זי מיט א שטראם העללע ליכטיגקייט . דא האט געלעבט אונ געארבייט די גאנצע פאמיליע , יעדערער אין זיין ווינקעל , יעדער האט געהאט זיין אויסגעקליבען ארט . דער פאטער האט פארנומען א האלבע שטוב פאר זיין חעמישען לאבארא טאריום . דארט איז געווען א קאמין צום הייצען , א טיש צו מאכען פראבעס , פאליצען פאר די געווערקצייג , שראנק אנגעשטעלט פול מיט פלאשליך אונ גלאזליך פון פערשידענע פארמען . נעבען דעם פאטער האט דער עלטערער זוהן טאם געמאכט פאר זיך א קליינע קוזניע מיט א קאוואדלע , א האממער אונ אנדערע געצייג . אין צווייטען ווינקעל האבען געארבייט ביידע יונגערע קינדער : פראנסוא אונ אנטואן . זיי האבען נאך ביידע בעזוכט די שולע , דער ערשטער האט זיך שוין געגרייט צום לעצטען עקזאמען , דער צווייטער האט זיך געלערנט ריסעווען אונ יעצט האט ער געלערנט גראווירען אויף האלץ . ביים פענסטער איז געווען א טיש פאר דער באבוניו מיט מארי , ביי וועלכען זיי פלעגען נעהען אונ העפטען

מארי האט א געשריי געגעבען מיט איהר ריינער שטיממע און זיך בעמיהט, הו קול זאל קלינגען רוהיג און פרעהליך:

— היי קינדערליך, הארט נאר! אט דער גייסטליכער האט געבראכט א גריסס ן פאטער!

„קינדערליך" — דאס ווארט האט זי ארויסגערעדט מיט דער גראסטער צארטליכקייט ן א יונגער מוטער. זי האט גיליאמס דריי זיהן גערעכענט ווי איהרע אייגענע ידער, ווי ליעבע קינדערליך, אבוואהל זיי זיינען שוין געוועזען דערוואקסענע מענשען. אם איז אלט געוועזען דריי-און-צוואנציג יאהר, א הויכער, א ריזיגער, שוין בעוואק- נן מיט א בארד. ער איז געוועזען זעלטען ערנליך צום פאטער, מיט א הויכע טערן, מאססיווע גלידער, עטוואס שווערלייביג, א שטיללער, א שווייגער, טריי בערגעגעבען דעם פאטער, צופריעדען מיט זיין ארבייט, גליקליך וואס ער קען נם פאטער ברענגען נוטצען. פראנסוא איז יונגער פון איהם מיט צוויי יאהר, יך הויך געוויקסיג, אבער עדלער געבויט, דאס געזיכט פונקט אהנליך צום ודער: דער זעלביגער שטערן, די זעלבע ליפפען, די אייגענע פיגור, געזונט נ קראפטיג, נאר דער שכל איז ביי איהם געוועזען שארפער ווי ביים ברודער. דער גסטער ברודער אנטואן, אויך געזונט און שטארק, אבוואהל ער איז מעהר ניט לט ווי אכצעהן יאהר, אויך שאן און געוויקסיג, האט זיך אויסגעצייכענט פון די לטערע ברידער מיט זיינע בלאנדע האר און בלויע אויגען, וועלכע ער האט ירשה'ט פון דער מוטער — פארקלערטע, גוטע, צוגעלאזטע אויגען. ווען אללע דריי נען נאך געוועזען יונגע קינדער און געגאנגען אין גימנאזיום איז שווער געוועזען נטערשיידען איינעם פון אנדערען; מען האט זיי געקאנט דערקענען נאר פון וואוקס ווען זיי זיינען געשטאנענען אללע צוזאממען. און אפילו יעצט האט מען זיך קענט אמאל טועה זיין זעהענדיג זיי בעזונדער.

ווען פיער איז אריינגעגאנגען זיינען אללע דריי געוועזען אזוי פלייסיג פאר- מען מיט זייער ארבייט, אז זיי האבען גאר ניט געהערט ווי די טהיר האט זיך עעפענט. טאם איז געשטאנענען אין בלוזע און מיט די פארגראבטע הענד געפיילט פעס א מעשענע זאך. פראנסוא איז געוועזען איינגעבויגען איבער'ן שרייב-טיש און עשריעבען א פאפיער מיט גרויסע דיקע בוכשטאבען, און פון דער צווייטער זייט יש איז אנטואן געזעססען מיט דעם קריצער אין האנד און געענדיגט עפעס ן האלצשניטט פאר א אילוסטרירטע צייטונג. פיער איז פארוואונדערט געווארען עהענדיג זייער רוהיגקייט, זייער פעסטען רצון צו טהון די געוועהנליכע ארבייט בוואהל דאס הארץ איז אומרוהיג און איבערגעשראקען.

דערהערענדיג מאריס קלינגענדע שטיממע האבען זיי אויפגעהויבען דעם אפ.

— דער פאטער שיקט אייך א ידיעה וועגען זיך, קינדער!

אללע דריי האבען מיט אמאל אוועקגעווארפען די ארבייט און צוגעגאנגען

צום גַאסְט. ווען זֵיי זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶגנֶען אִין אֵיין שׁוּרָה לוֹיט דִי יָאהרֶען, הָאבֶּען זֵיי אויסגֶעזֶעהֶן ווִי רִיזֶעדִיגֶע צְווַייגֶען פוּן אַ קְרֶעפְּטִיגֶען גֶעזוּנְטֶען בּוֹים. קוים אִיז דִי רֶעדֶע פוּן פָאטֶער זַיינֶען אַלֶּע דְרַיי גֶעוָוארֶען ווִי צוּנוֹיפְגֶענָאסֶען, גְלַייךְ ווִי אַיין הַארְץ וָואלְט גֶעקְלַאפְּט אִין זֵייעֶר בְּרֵייטֶער בְּרוּסְט.

אִין דֶער מִינוּט אִיז דוּרךְ אַ זַייטִיגֶער טְהִיר אַרַיינְגֶעקוּמֶען דִי בַּאבֶּע: זִי אִיז אַרָאפּ פוּן אוֹיבֶּערְשְׁטֶען עֶטַאזְשׁ, וואוּ זִי הָאט גֶעוָואהנְט צוּזַאמֶען מִיט מַארִי. אַרַיינְגֶעהֶענְדִיג הָאט זִי שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט דֶעם גַייסְטְלִיכֶען אוּנ נִיט גֶעקֶענְט בְּעגְרַייפֶען וָואס מְהוּט עֶר דָא.

— בַּאבּוּנְיוּ — הָאט מַארִי זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען — דָאס אִיז דֶער הֶערר גַייסְטְלִיכֶער פְרָאמַאן, גִילְיָאמְס בְּרוּדֶער. עֶר הָאט אִיהם אַהֶער גֶעשִׁיקְט.

פְּיֶער הָאט גֶענוּמֶען זִי בֶּעטְרַאכְטֶען אוּנ גֶעווּאוּנְדֶערְט וָואס זִי הַאלְט זִיךְ אַזוֹי גְלַייךְ, אִיז פוּל לֶעבֶּען אוּנ עֶנֶערְגִיֶע, אָבְּוָואהל זִי אִיז שׁוֹין אַלְט גַאנְצֶע זִיעבְּצִיג יָאהר. אוֹיף אִיהר לֶאנְגְלִיךְ גֶעזִיכְט אִיז נָאךְ קֶענְטִיג אִיהר אַמָאלִיגֶע שֶׁאנְקַייט. אִין דִי קַארָאוֶועֶ אוֹיגֶען לַייכְט אַ יוּנְגֶעגְד פַייעֶר. דֶער קָאפּ אִיז נָאר וואוּ־נִיט־וואוּ דוּרְכְגֶעוָוארְפֶען מִיט גְרוֹיֶע הָאר. אִיהר גֶעווּאוּקְס אִיז הוֹיךְ אוּנ דִין; אִיהר גַאנְג זֶעהר פָארְנֶעהם. אַ שְׁוַוארְצֶע ווָאלְלֶענֶע קְלֵייד אִיז גֶעוֶועןְ אִיהר שְׁטֶאנְדִיגֶער מַלְבּוּשׁ.

— אַייךְ הָאט גִילְיָאם גֶעשִׁיקְט? — הָאט זִי גֶעפְרֶעגְט — עֶר אִיז גֶערַאנֶיעט, נִיט וַואהר?

פְּיֶער הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פַארְווּאוּנְדֶערְט וָואס זִי הָאט גְלַייךְ גֶעטְרָאפֶען אוּנ עֶר הָאט נָאךְ אַמָאל גֶענוּמֶען עֶרְצֶאהלֶען דִי גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע.

— יָא, עֶר אִיז פַארְווּאוּנְדֶעט אִין גֶעלֶענְק פוּן הַאנְד. אָבֶּער דִי רַאנֶע אִיז נִיט זֶעהר גֶעפֶאהְרְלִיךְ.

עֶר הָאט גֶעפִּיהלְט ווִי אַלֶּע דְרַיי זִיהן הָאבֶּען אַ צִיטְטֶער גֶעגֶעבֶּען אוּנ זַיינֶען גְרֵייט צוּ לוֹיפֶען הֶעלְפֶען, רַאטֶעוֶוען דֶעם פָאטֶער. צוּלִיעבּ זֵיי הָאט פְּיֶער זִיךְ גֶעסְטַארֶעט זָאגֶען עֶטְוָואס צוּם בֶּערוּהִיגֶען.

— עֶר אִיז יֶעצְט בַּיי מִיר, אִין מַיין הַייזִיל. אַז מֶען וֶועט גוּט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען וֶועט אַלְץ גֶעהֶן כְּשׁוּרָה. עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט זָאגֶען, אִיהר זָאלְט זִיךְ נִיט שְׁרֶעקֶען.

אוֹיף דֶער אַלְטֶער אִיז נִיט קֶענְטִיג גֶעוֶועןְ דֶער מִינְדֶסְטֶער שְׁרֶעק.

אִיהר רוּהִיגְקַייט אִיז גֶעוֶועןְ צוּם עֶרְשְׁטוֹינֶען. עֶס הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהֶן, גְלַייךְ ווִי זִי וָואלְט שׁוֹין אַלֶּעס לַאנְג גֶעווּאוּסְט אוּנ פְּיֶער הָאט אִיהר גָאר נִיט גֶעבְּרַאכְט קֵיין נַייעֶס. אַדְרַבָּא. ס'הָאט גֶעשַׁיינְט, אַז דוּרְךְ זַיינֶע רֵייד אִיז אִיהר נָאךְ פִיעל גְרִינְגֶער גֶעוָוארֶען אוֹיפ'ן הַארְצֶען.

— אוֹיבּ עֶר אִיז בַּיי אַייךְ, הֶערְר גַייסְטְלִיכֶער, הֵייסְט עֶס אַז דָארְט אִיז אִיהם בֶּעסֶער ווִי עֶרְגֶעץ אַנְדֶערְשׁ אוּנ עֶר אִיז גֶעשִׁיצְט פוּן יֶעדֶער גֶעפַאהר... זַיין גֶעכְטִיגֶער בְּרִיעף, אִין וֶועלְכֶען עֶר הָאט נִיט גֶעשְׁרִיעבֶּען דִי אוּרְזַאכֶע פַאר וָואס עֶר קוּמְט נִיט אַהֵיים, הָאט אוּנְז פַארְווּאוּנְדֶערְט אוּנ סוֹף כָּל סוֹף וָואלְטֶען מִיר זִיךְ גֶעקָאנְט

גאונרוהיגען. גאר יעצט איז אללעס אין ארדנונג.

און די באבע, גלייך ווי די זיהן און מארי. האט אויך ניט גענומען פראגען זעהר, ניט געמאכט קיין שום שאלות. פ ע ר האט דערזעהן אויפ'ן טיש עטליכע פיהמארגען־צייטונגען ליעגען אפפען, מיט די גרויסע ארטיקלען וועגען דער אמבע. מן הסתם האבען זיי שוין אלסדינג געלעזען און האבען מורא צו דער אטער איז ניט פארמישט אין דער שרעקליכער געשיכטע. די פראגע איז גאר: וואס ויסען זיי בעשטימט? וועגען סאלוואן איז זיי וואהרשיינליך גאר נישט בעקאננט ון זיי קאנען אויך ניט וויסען ווי אזוי דער פאטער האט זיך מיט איהם געקנטען ענעגענט און ביי וועלכע אומשטאנדען איז ער געראניעט געווארען. די אלטע יים ה'ן געוויס מעהר, זי ווייס א סך, אבער די קינדער און מארי האבען געוויס קיין שום ידיעה ניט אין דער גאנצער זאך. ווי גרויס מוז זיין זייערע כבוד־ב און זייער צוטרויען צום פאטער, אז קוים האט ער געשיקט א בריעף און געשריעבען יי זאללען זיך ניט שרעקען, זיינען זיי שוין גאנץ רוהיג.

— מאדאם — האט פ ע ר ווייטער געזאגט — גיליאם האט מיר געהייסען יבערגעבען אייך דעם קליינעם שליסעל און אנגעזאגט, אז אויב עס וועט זיין געם א אומגליק זאלט איהר טהון ווי ער האט אייך בעפאהלען.

אויף איהר פנים איז דורכגעפלויגען א לייכטער, קוים קענטיגער, שרעק ווען זי האט גענומען דעם שליסעל. אבער באלד האט זי געענטפערט גאנץ רוהיג, מיט א זיכערע שטימע, גלייך ווי עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען א קלייניגקייט:

— גוט, זאגט איהם אז זיין רצון וועט ערפיללט ווערען. אבער וואָרום זיצט איהר ניט, העררר ניימטליכער?

ווירקליך, פ ע ר איז די גאנצע צייט געשטאנען. ער האט זיך געמוזט זעצען. אבוואהל עס איז איהם נאך אלץ געווען זעהר אונבעקוועם, אבער ער האט דאס ניט געוואלט ארויסווייזען דא אין דעם הויז, וואו ער געפינט זיך צווישען אייגענע פאמיליע. מ א ר י האט ניט געקענט שטעהן א מינוט אהן ארבייט; יעצט האט זי גענומען העפטען עפעס א דיענע האנדארבייט פאר א גרויסען מאגאזין וואס האנדעלט מיט אויסשטאטונגען פאר כלות און זאכען פאר נייגעבארענע קינדער. זי איז געווען איינגעשפארט און ניט געוואלט בשום אופן זיך אפזאגען פון דער ארבייט. איך וויל מיר ווענינסטענס פארדיענען מיין טאשען־געלט" פלעגט זי זאגען מיט א שמייכעל. די באבע האט אויך געהאט די געוואוהנהייט שטאנדיג האלטען א ארבייט אין האנד, אפילו ווען זי רעדט מיט געסט. זי האט יעצט געהאלטען א זאק צום פארצירעווען. פ ר א נ ס ו א און א נ ט ו א ן זיינען ביידע צוריקגעגאנגען צום טיש און געזעצט צו זייער ארבייט, נאר ט א ם איז געבליבען שטעהן אנגעשפארט צום קאנאוואדלע. ער האט זיך ערלויבט א ווייילע אפרוהען. אין דער גרויסער מייסטער־שטוב האט זיך ווידער אויסגעשפרייט פריעדען און רוה.

— אלזא — האט ט א ם געזאגט — מארגען ברויכען מיר אללע געהן געוואהר

װערען צום פּאַטער.

מאַרי האָט געשװינד אױפגעהױבען דעם קאָפּ און ניט געלאָזט פּיער׳ן קײן צײט צו ענטפערן.

— נײן, נײן, ער האָט אָנגעזאָגט אַז קײנער זאָל צו איהם ניט קומען. מען קען אונז נאָך בעמערקען, נאָכשפּירען און זיך דערװיסען װאוּ ער איז... ניט װאָהר, העררר גײסטליכער?

— געװיס איז גלײכער זיך אײנהאַלטען און װאַרטען ביז ער װעט אַלײן צוריקקומען. דאָס דאַרף ניט מעהר געדױערן װי צװײ־דרײ װאָכען.

די באַבוניו האָט איהם פּאַטאַקעװעט.

— אַװדאַי איז אַזױ גלײכער.

די זיהן האָבען נאָכגעגעבען. פאַר זײ װאָלט געװיס געװען אַ גרױסע שמחה געהן געװאָהר װערען צום פאַטער, נאָר װי באַלד אַז ער פערלאַנגט אַזױ פאָלגען זײ איהם.

— העררר גײסטליכער — האָט טאָמאַ זיך געװענדעט צום פּעטער — זײט אַזױ גוט און זאָגט דעם טאַטען, אַז אױף דער צײט װאָס ער װעט ניט זײן אין דערהײם און די אַרבײט װעט װערען דאָ אָפּגעשטעלט, האָב איך בדעה געהן צוריק אין פאַבריק. דאָרט װעט מיר זײן בעקװעמער מאַכען פּראָבעס.

— און פון מײן נאָמען — האָט זיך פראַנסואַ אַרײנגעמישט — זאָלט איהר איהם איבערגעבען, אַז ער זאָל זיך ניט בעאונרוהיגען װעגען מײנע עקזאַמענס. זײ געהען אױסגעצײכענט. איך בין כמעט זיכער אַז איך װעל אױסהאַלטען און זײן אַ מוצלח.

פּיער האָט פאַרשפּראָכען, קײן זאַך ניט פאַרגעסען.

מאַרי האָט אױפגעהױבען דעם קאָפּ און געקוקט מיט אַ שמײכעל אױף אַנטואַן. ער האָט געשװיגען און געקוקט מיט זײנע פאַרטראַכטע אױגען ערגעץ װײט.

— און דו, מוזיקעל, בעטסט גאָר נישט איבערגעבען אין דײן נאָמען דעם פּאַפּאַ?

דער יונגער מענש האָט זיך װי אױפגעכאַפּט פון שלאָף און געענטפערט מיט אַ שמײכעל:

— װי דען, װי דען! גיט איהם איבער אַז מאַרי האָט איהם זעהר ליעב; לאָז ער קומען װי אַם גיכסטען װעט ער זײן גליקליך מיט איהר.

אַללע האָבען זיך צולאַכט, אפילו מאַרי זעלבסט. זי איז גאָר ניט מביישׁ געװאָרען, געשטאַנען רוהיג און גליקליך. מען האָט קלאָר אַרױסגעזעהן, אַז די נאַײע פאַמיליע איז פעראײניגט און פערבונדען מיט דער גרעסטער ליעבשאַפט. זאָגאַר די באַבע האָט אױך אַ שמײכעל געגעבען מיט איהרע בלאַסע ליפּען און זיך געפרײט פון זײער צוקינפטיגען גליק.

פְּיֶער הָאט גֶעגְלוֹסְט בְּלַייבֶּען דָא נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּט . מֶען הָאט זִיךְ צוּרֶעדְט אוּנ עֶר אִיז אַלְץ מֶעהְר פַארְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארֶען . בִּיז הַיינְט הָאט עֶר גֶעגְלוֹיבְּט אַז אִין דֶעם הוֹיז וֶועט עֶר טְרֶעפְפֶען נָאר אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהַייט אוּנ פֶערְדָארְבֶּענֶע זִיטְטֶען , לְסוֹף זֶעהְט עֶר פַאר זִיךְ אַ רֵיינֶעם , אַ שְׁטִילְלֶען , אַ אֶרֶענְטְלִיכֶען לֶעבֶּען , אַרְבַּייט אוּנ פְרִיעדֶען , עֶנֶערְגִיֶע אוּנ דִיסְצִיפְּלִינֶע . דִי קִינְדֶער זַיינֶען שֶׁאן גֶעבִּילְדֶעט , אַיינְגֶעהַאלְטֶען , סְטַאטִישׁ , לִיעבֶּען אוּנ פָאלְגֶען דֶעם פָאטֶער ; דָאס פְרַיילַיין אִיז אָרֶענְטְלִיךְ , פְרֶאהְלִיךְ אָבֶּער שְׁטִילל אוּנ גֶעלַאסְסֶען . בֶּעזוּנְדֶערְס הָאט אִיהְם גֶעוואוּנְדֶערְט וָואס דִי בָּאבֶּע אוּנ מַארִי הָאבֶּען גָאר קֵיין מוֹרָא נִיט צוּ שְׁלָאפֶען אוֹיבֶּען , אִיבֶּערְ'ן לַאבָּארַאטָארְיוּם , וואוּ מֶען מַאכְט דִי שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶע פּוּלְוֶוער אוּנ פֶערְשִׁיעדֶענֶע מַאטֶערְיַאלֶען וָואס אַ לַיאֶרֶע מִינוּט קֶענֶען זַיי אוֹיסְשִׁיסְסֶען אוּנ צוּרַייסֶען דָאס גַאנְצֶע הוֹיז מִיט זַיי צוּזַאמְמֶען .

דִי אָרְדְנוּנְג , דִי מוּנְטֶערְקַייט אוּנ דִי אַנְשְׁטֶענְדִיגְקַייט פוּן דִי אַיינְוָואהְנֶער פוּן דֶעם הוֹיז הָאט אָבֶּער פְּיֶערְ'ן נָאר גֶעוואוּנְדֶערְט אָבֶּער נִיט גֶערִיהְרְט זַיין הַארְץ . אֱמֶת טַאקִי מֶען הָאט אִיהְם דָא זֶעהְר שֶׁאן צוּגֶענוּמֶען , אָבְּוָואהְל נִיט וַוי אַ נְ'אַיינֶעגֶעם קָרוֹב , וַוייל עֶר אִיז דָאךְ פֶארְט גֶעוֶועזֶען זַיי אוּמְבֶּעקַאנְט , יֶעדָאךְ אִיז זַיין הַארְץ גֶעבְּלִיעבֶּען קַאלְט אוּנ נִיט גֶעפִיהְלְט צוּ זַיי קֵיין שׁוּם צֶארְטְלִיכְקַייט . זֵייעֶר לֶעבֶּען אִיז אִיהְם גֶעוֶועזֶען גַאנְץ פְרֶעמְד ; עֶר הָאט זַיי נִיט גֶעקֶענְט בֶּעגְרֵייפֶען , הָאט נִיט פַארְשְׁטַאנֶען וַוי קָאנֶען זַיי זַיין אַזוֹי רוּהִיג וֶוען זַיי הָאבֶּען נִיט קֵיין רֶעלִיגְיֶע , קֵיין אֱמוּנָה , אוּנ נָאר דִי וִויסֶענְשַׁאפְט אִיז זֵייעֶר גָאט , דִי אַרְבַּייט -- זֵייעֶר רֶעלִיגְיֶע .

עֶנְדְלִיךְ אִיז פְּיֶער אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען , גֶעבֶּענְדִיג זַיי זַיין הַבְטָחָה , אַז אוֹיבּ עֶס וֶועט זַיין עֶפֶּעס אַ שְׁלֶעכְטֶער שִׁנּוּי וֶועט עֶר בַּאלְד קוּמֶען צוּוִויסְסֶען טְהוּן . מַארִי הָאט אִיהְם בֶּעגְלֵייט בִּיז צוּם טְהִיר אוּנ אִיהְר גֶעזִיכְט אִיז פְּלוּצְלִינְג רוֹיט גֶעוָוארֶען . זִי הָאט אוֹיךְ גֶעוָואלְט עֶפֶּעס בֶּעפֶאהְלֶען צוּ גִילְיָאמֶען , שִׁיקֶען אִיהְם אַ צֶארְטְלִיכֶען גְרִיסס , זִי אִיז אָבֶּער פַארְשֶׁאמְט גֶעוָוארֶען . . . בַּאלְד הָאט זִי זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אוּנ גֶעזָאגְט , קוּקֶענְדִיג פְּיֶערְ'ן גְלַייךְ אִין דִי אוֹיגֶען :

– אוֹיף וִוידֶערְזֶעהְן , הֶערְר גֵייסְטְלִיכֶער . זָאגְט גִילְיָאמֶען אַז אִיךְ לִיעבּ אִיהְם אוּנ וַוארְט . . .

---

III.

דְרַיי טָאג זַיינֶען אַרִיבֶּער . אִין דֶעם קְלֵיינֶעם הַייזֶעל אִין נֵייִלִי אִיז גִילְיָאם גֶעלֶעגֶען אִין הִיטְץ אוּנ אִין דֶער גְרֶעסְטֶער אוּנְגֶעדוּלְד . יֶעדֶען פְרִיהְמָארְגֶען , וַוען מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט דִי צֵייטוּנְגֶען , אִיז אִיהְם בֶּעפַאלְלֶען אַ נַייעֶ אוּמְרוּהִיגְקַייט ,

פְּ יֶ ע ר הָאט גֶעפְּרוּבְּט צוּנֶעהְמֶען בַּיי אִיהְם דִי צַייטוּנְגֶען, אָבֶּער דַאדוּרְךְ אִיז דֶער קְרַאנְקֶער נאךְ מֶעהְר צוּרַייצְט אוּנ אוּמְרוּהִיג גֶעוָוארֶען, בִּיז פְּ יֶ ע ר הָאט אִיהְם גֶעמוּזְט אַלַיין אִיבֶּערְלֶעזֶען אַלְסְדִינְג וָואס ס׳אִיז גֶעוֶוען גֶעשְׁרִיבֶּען וֶוענֶען דֶער קַאטַאסְטְרָאפֶּע — גַאנְצֶע זַייטֶען, גַאנְצֶע נוּמֶערֶען, אַ גַאנְצֶער קְוַואל רַייד.

קֵיינְמָאל זַיינֶען דִי צַייטוּנְגֶען נִיט גֶעוֶוען אַזוי פַארְפְלַייצְט מִיט יְדִיעוֹת וִוי הַיינְט. אֲפִילוּ דֶער „גְלָאבּ", וָואס שְׁטֶענְדִיג אִיז עֶר זֶעהְר אַיינְגֶעהַאלְטֶען, פָארְזִיכְטִיג, קַארְג אִין וֶוארְטֶער, אִיז יֶעצְט גֶעוֶוען אָנְגֶעפַּאקְט פוּל מִיט נַאכְרִיכְטֶען אוּנ בֶּעשְׁרִיבֶּען גֶענוֹי אֲפִילוּ דִי קְלֵיינְסְטֶע מִינְדְסְטֶע אַיינְצֶעלְהַייטֶען. וֶוער רֶעדְט אַזָאלְכֶע סְקַאנְדַאלֶעזֶע צַייטוּנְגֶען וִוי דִי „פָאלְקְס שְׁטִימְמֶע" הָאבֶּען גֶעפּוּיקְט אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן, גֶערֶעדְט אוּנ גֶעדְרוּקְט יְדִיעוֹת נָאר אָהְן אַ שִׁיעוּר, צוּ מַאכֶען אַ אַיינְדְרוּק אוֹיף דֶעם פּוּבְּלִיקוּם, כְּדֵי מֶען זָאל קוֹיפֶען דִי נוּמֶערֶען. יֶעדֶען פְרִיהמָארְגֶען הָאבֶּען זֵיי אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַ נַייעֶם לִיגֶען, אַ נַייעֶ שְׁרֶעקְלִיכֶע הִיסְטָארְיֶע, דִי וֶועלְט זָאל מִיט דֶעם קָאכֶען. זֵיי הָאבֶּען עֶרְצֶעהְלְט אַז יֶעדֶען טָאג בֶּעקוּמְט דֶער בַּארָאן דִ י וּ וִ י לְ יַ א ר בְּרִיעף אָהְן אוּנְטֶערְשְׁרִיפְטֶען, אִין וֶועלְכֶע מֶען סְטְרַאשֶׁעט אִיהְם אַז מֶען וֶועט הַרְגֶענֶען זַיין פְרוֹי, זַיין טָאכְטֶער, זַיין זוּהְן. שֶׁעכְטֶען אִיהְם אַלֵיין, צוּרַייסְסֶען זַיין פַּאלַאץ, אוּנ טָאג וִוי נַאכְט שְׁטֶעהְט אַ גַאנְצֶע מַחֲנֶה אִיבֶּערְגֶעקְלַיידֶעטֶע פָּאלִיצִיסְטֶען אוּנ הִיטְטֶען דֶעם בַּארָאנְס פַּאלַאץ. אוֹיף מָארְגֶען אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען גֶעדְרוּקְט אַ נַייעֶ הִיסְטָארְיֶע: דִי אַנַארְכִיסְטֶען הָאבֶּען גֶעגְרָאבֶּען אוּנְטֶער דֶער עֶרְד אַ מִינֶע, פוּן דֶער קִירְכֶע מַאגְדַאלֶען בִּיז אַלֶע גַאסֶען פוּן גַאנְצֶען טְהֵייל שְׁטָאדְט, דָארְט הָאבֶּען זֵיי גֶעוָואלְט אַרַיינְלֶעגֶען גַאנְצֶע פֶּעסְסֶער דִינַאמִיט מִיט פּוּלְוֶוער, אִיבֶּערְקֶעהְרֶען הַאלְבּ פַּארִיז. אָדֶער מֶען הָאט עֶרְצֶעהְלְט, אַז דִי פָּאלִיצֵיי הָאט עֶנְטְדֶעקְט אַ גְרוֹיסֶע שַׁייקֶע, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶערֶעדְט מַאכֶען הֲרִיגוֹת אִין אַלֶע לֶענְדֶער, אוּנ דֶער עֶרְשְׁטֶער סִיגְנַאל הָאט גֶעדַארְפְט זַיין אִין פַּארִיז. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְלִיבֶּען מַאכֶען אַ שְׁחִיטָה אִין דִי גַאסֶען דְרַיי מֵעֵת־לְעֵת, בָּאמְבֶּעס זָאלֶען פְלִיהֶען אִיבֶּער דִי בּוּלְוַוארֶען אוּנ דֶער טַייךְ סֵיינַא זָאל רוֹיט וֶוערֶען פוּן בְּלוּט... דוּרְךְ אַזָאלְכֶע אַרְטִיקְלֶען אִין דִי צַייטוּנְגֶען אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אַלֶעמֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער פַּחַד, דִי אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶענֶע פְרֶעמְדֶע זַיינֶען עֶנְטְלָאפֶען פוּן דִי אַכְסַנְיוֹת, גַאנְץ פַּארִיז אִיז גֶעוָוארֶען וִוי אַ דוּל־הוֹיז, מֶען הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אִין דִי ווִילְדְסְטֶע לִיגֶענְס.

אָבֶּער נִיט פוּן דֶעם אִיז גִ י לְ יָ א ם גֶעוֶוען אוּנְרוּהִיג. עֶר הָאט זִיךְ נָאר גֶעשְׁרָאקֶען וֶועגֶען סַאלְוַוא׳ן אוּנ פִּיעַלַייכְט הָאט דִי פָּאלִיצֵיי אָפְּגֶעזוּכְט אוּנ גֶעפוּנֶען עֶפֶּעס נַייעֶ שְׁלַיאדֶען. סַאלְוַוא אִיז נָאךְ אַלְץ נִיט אַרֶעסְטִירְט, ס׳אִיז אֲפִילוּ נִיט גֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהְם דֶער מִינְדֶסְטֶער חְשַׁד. פְּלוּצְלִינְג אָבֶּער הָאט פְּ יֶ ע ר גֶעלֶעזֶען אַ קְלֵיין יְדִיעָה פוּן וֶועלְכֶער דֶער גֶערַאנְיֶעטֶער אִיז בְּלַאסס גֶעוָוארֶען פוּן שְׁרֶעק.

— דוּ ווֵייסְט? צְווִישֶׁען דִי שְׁטִיקֶער אוּנְטֶערְן טוֹיעֶר פוּן דִיוּווִילְיַארְס פַּאלַאץ הָאט מֶען גֶעפוּנֶען עֶפֶּעס אַ אִינְסְטְרוּמֶענְט, אַ נָאל, וָואס אוֹיף זַיין הֶענְטִיל אִיז

אויסגֶעקְרִיצְט דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם בֶּערִיהְמְטֶען פַאבְּרִיקַאנְט גְרַאנְדִירְיֶע. הַיינְט הָאט מֶען גְרַאנְדִירְיֶען גֶערוּפֶען צוּם סְלֶעדָאוַואטֶעל.

גִילְיָאם הָאט אַ מַאךְ גֶעטְהוּן מִיט דֶער הַאנְד אַ פֶערְצְוֵוייפֶעלְטֶער.

— יֶעצְט אִיז אַ סוֹף! מֶען וֶועט אִיהְם פַּאקֶען. זֵיי הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אַ גוּטֶען שְׁלִיַאר. גֶעוִויסְס הָאט סַאלְוַוא פַארְלָארֶען דֶעם אִינְסְטְרוּמֶענְט. עֶר הָאט גֶעאַרְבֵּייט בַּיי גְרַאנְדִירְיֶען עֶהְדֶער עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ מִיר אוֹיפְ'ן טָאג. דוּרְךְ גְרַאנְדִירְיֶען וֶועלֶען זֵיי זִיךְ אַלְץ דֶערְוִויסֶען. פַאר זֵיי אִיז גֶענוּג זִיךְ אָנְחַאפֶּען בַּיי אַ דִינְג פֶעדִימֶעל, וֶועלֶען זֵיי שׁוֹין דֶערְגֶעהְן דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת.

פְּיֶער הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אַז אוֹיף מָאנְמַארְטְר הָאט עֶר גֶעהֶערְט וֶועגֶען דֶעם פַאבְּרִיקַאנְט גְרַאנְדִירְיֶע, צוּ וֶועלְכֶען טָאם, גִילְיָאמְס עֶלְטְסְטֶער זוּהְן פְלֶעגְט מַאנְכֶעס מָאל גֶעהְן אוֹיף אַרְבֵּייט צוּ פְּרַאקְטִיצִירֶען. דָאךְ הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט פַאנַאנְדֶער פְּרֶעגֶען דֶעם בְּרוּדֶער, ווייל עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט אַז גִילְיָאם שְׁרֶעקְט זִיךְ נִיט פַאר זַיין אֵייגֶען זִיכֶערְהַייט; זַיין שְׁרֶעק אִיז אַ הֶעכֶערֶער, אַ עֶדְלֶערֶער.

— פוּנְקְט הָאסְט דוּ מִיר עֶרְצֶעהְלְט — הָאט גִילְיָאם וַוייטֶער גֶערֶעדְט — אַז טָאם הָאט בְּדֵעָה גֶעהְן אַרְבֵּייטֶען אִין פַאבְּרִיק. עֶר מַאכְט אַ נַייעֶם מָאטָאר וֶועלְכֶען עֶר הָאט עֶרְפוּנְדֶען. שְׁטֶעל דִיר פָאר אַז מֶעז וֶועט קוּמֶען זוּכֶען אוּנ אִיהְם נֶעהְמֶען אוֹיכְפְּרֶעגֶען, וֶועט עֶר גֶעוִויסס נִיט וֶועלֶען עֶנְטְפֶערְן, נִיט אַרוֹיסְגֶעבֶען זַיין סֶעקְרֶעט... מֶען מוּז זֶעהְן פַארְחַאפֶּען אוּנ אִיהְם פְרִיהֶער אָנְזָאגֶען, אָבֶער טַאקִי בַּאלְד, דִי מִינוּט!

פְּיֶער הָאט תֵּכֶף פָארְגֶעלֶעגְט אַז עֶר אִיז גְרֵייט צוּ טְהוּן זַיין רָצוֹן.

— אוֹיב דוּ וִוילְסְט וֶועל אִיךְ אַרִיבֶּערְגֶעהְן צוּ טָאם אִין פַאבְּרִיק. אֲנָב קֶען זַיין אִיךְ זָאל מִיךְ בֶּעגֶעגְנֶען דָארְט מִיט גְרַאנְדִירְיֶען זֶעלְבְּסְט אוּנ זִיךְ דֶערְוִויסֶען וָואס הָאט עֶר גֶעזָאגְט בַּיים סְלֶעדָאוַואטֶעל אוּנ וִוי הַאלְט דֶער עֵסֶק.

גִילְיָאם הָאט אִיהְם וַוארֶעם גֶעדְרִיקְט דִי הַאנְד אוּנ דִי אוֹיגֶען זַיינֶען אִיהְם פֵייכְט גֶעוָוארֶען פוּן טְרֶערֶען.

— יָא, יָא, בְּרוּדֶער, טְהוּ אַזוֹי. דָאס וֶועט זַיין פַאר מִיר אַ גְרוֹיסֶע טוֹבָה

— הַיינְט הָאבּ אִיךְ סַיי ווִי סַיי גֶעוָואלְט גֶעהְן אוֹיפְ'ן מָאנְמַארְטְר. אִיךְ הָאבּ דִיר דָאס נִיט גֶעזָאגְט. מִיךְ מוּטְשֶׁעט אֵיין גֶעדַאנְקֶען אוּנ לָאזְט מִיךְ נִיט צוּרוּהֶ. אוֹיב סַאלְוַוא אִיז עֶנְטְלָאפֶען הָאט עֶר גֶעמוּזְט אִיבֶּערְלָאזֶען אַלֵיין דָאס וַוייבּ מִיטְ'ן קִינְד. אִיךְ הָאבּ זֵיי גֶעזֶעהְן אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג וֶוען עֶר הָאט אוּנְטֶערְגֶעוָוארְפֶען דִי בָּאמְבֶּע. זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען אִין אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען צוּשְׁטַאנְד, אַזַא אָרִימְקַייט, אַז מִיר רַייסְט דָאס הַארְץ דֶערְמָאנֶענְדִיג זִיךְ אָן דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע בֶּעשֶׁאפְנִישֶׁען וָואס יֶעצְט שְׁטַארְבֶּען זֵיי גֶעוִויס פַאר הוּנְגֶער... דֶער מַאנ הָאט זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אוּנ דִי פְרוֹי מִיטְ'ן קִינְד מוּזֶען אוֹיסְגֶעהְן אָהְן עֶסְסֶען.

גִילְיָאם, וָואס הָאט גֶעהַאלְטֶען פְּיֶערְ'ס הַאנְד, הָאט זִי נָאךְ שְׁטַארְקֶער

גֶעדְרִיקְט אוּנ גֶעזָאגְט מִיט אַ צִיטְטֶערִיגֶען קוֹל פוּן גְרוֹיס אוֹיפְרֶעגוּנְג :

— יָא יָא, דָאס וֶועט זַיין זֶעהְר פַיין אוּנ עֶדֶעל פוּן דַיין זַייט. מְהוּ אַזוֹי, בְּרוּדֶער, מְהוּ דָאס טַאקֵי.

דָאס הויז אוֹיף דֶער סָאל גַאס, דָאס שְׁרֶעקְלִיכֶע אָרְט פוּן אָרֶעמְקַייט אוּנ עֶלֶענְד, אִיז גֶעבְּלִיבֶּען טִיעף אַיינְגֶעגְרָאבֶּען אִין פְּיֶערְס זִכָּרוֹן ווִי אַ אַבְּשַׁיילִיכֶער אָפּטְרֶעט, וואו פַארִיזֶער אָרִימֶע לַייט פִיהְרֶען דָארְט זַייעֶר ווִיסְט אוּנ פִינְסְטֶער לֶעבֶּען. אוֹיךְ אַצוּנְד, ווֶען עֶר אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען צוּם צְוַוייטֶען מָאל, הָאט עֶר דָארְט גֶעפוּנֶען דִי זֶעלְבֶּע קְלֶעבִּיגֶע שְׁטִינְקֶעדִיגֶע בְּלָאטֶע, דֶעם זֶעלְבֶּען אַבְּשַׁיילִיכֶען הויף מִיט דִי פִינְסְטֶערֶע, פַייכְטֶע, שְׁטִינְקֶעדִיגֶע, הַאלְבּ צוּבְּרָאכֶענֶע טְרֶעפּ. ווִינְטֶער ווֶערְט גַאנְץ פַארִיז צוּגֶעטְרִיקֶענְט אוּנ אוֹיסְגֶערֵיינִיגְט, אָבֶּער דִי אָרִימֶע קְוַוארְטַאלֶען, וָואס זַיינֶען שְׁטֵענְדִיג אָנְגֶעפַּאקְט מִיט סְטַאדֶעס אָרִימֶע לַייט, בְּלַייבֶּען אִימְמֶער שְׁמוּצִיג אוּנ קוֹטִיג.

פְּיֶער, וָואס הָאט שׁוֹין גֶעוואוּסְט מִיט וֶועלְכֶע טְרֶעפּ מֶען גֶעהְט אַרוֹיף צוּ סַאלְוַואס צִימְמֶער, אִיז גְלַייךְ גֶעגַאנְגֶען אַהִין. דוּרְךְ דִי טְהִירֶען הָאט מֶען יֶעצְט אוֹיךְ גֶעהֶערְט דָאס גֶעוויין אוּנ גֶעשְׁרֵיי פוּן קִינְדֶער, נָאר מַאנְכֶעס מָאל הָאבֶּען דִי יוּנְגֶע קוֹלוֹת פְּלוּצְלִינְג אוֹיפְגֶעהֶערְט אוּנ דַאמָאלְס אִיז אִין דֶעם גַאנְצֶען הויז גֶעוֶוען שְׁטִילל ווִי אִין אַ קֶבֶר. פְּיֶער הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן דֶעם אַלְטֶען לַאוְויָאוו, וֶועלְכֶער אִיז דָארְט גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין אַ בַּארְג מִיסְט, ווִי אַ הוּנְט אוּנ אַ שׁוֹידֶער אִיז דוּרְכְגֶעפְלוֹיגֶען אִיבֶּער דֶעם גַייסְטְלִיכֶענְס אַלְלֶע גְלִיעדֶער.

עֶר הָאט אָנְגֶעקְלַאפְּט אִין סַאלְוַואס וָואהְנוּנְג, קֵיינֶער הָאט אִיהְם אָבֶּער נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט. אַרוּם אוּנ אַרוּם אִיז גֶעוֶוען שְׁטִילל, מֶען הָאט נִיט גֶעהֶערְט קֵיין קוֹל פוּן אַ לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען, אֲפִילוּ נִיט דֶעם מִינְדְסְטֶען שָׁארְךְ. עֶר הָאט נָאךְ אַמָאל אָנְגֶעקְלַאפְּט אִין טְהִיר, אוּנ ווַייל מֶען הָאט אוֹיךְ דָאס מָאל נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט הָאט פְּיֶער גֶעטְרַאכְט אִיז אִין צִימְמֶער אִיז גֶעווִיסס פוּסְט. עֶס קֶען זַיין סַאלְוַוא אִיז גֶעקוּמֶען, צוּגֶענוּמֶען ווַייבּ אוּנ קִינְד, אוּנ אַלְלֶע דְרַיי הָאבֶּען זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען עֶרְגֶעץ אִין אַ נְ׳אַנְדֶער פִינְסְטֶערֶע חוּרְבָּה, אָדֶער עֶנְטְלָאפֶען גָאר אִין גַאנְצֶען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ. דָאךְ אִיז אִיהְם דָאס גֶעוֶוען אַ וואוּנְדֶער, ווַייל גֶעוֶועהְנְלִיךְ דִי אָרִימֶע לַייט בַּייטֶען גַאנְץ זֶעלְטֶען זַייעֶר וָואהְנוּנְג; זֵיי שְׁטַארְבֶּען דָארְט וואו ס׳אִיז אַוֶועק זַייעֶר פִינְסְטֶערֶער לֶעבֶּען. פְּיֶער הָאט גֶעגֶעבֶּען שְׁטִילל אַ קְלַאפּ צוּם דְרִיטְטֶען מָאל.

דָאס מָאל הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען פוּן אִינְוֶוענְדִיג אַ לַייכְטֶער גֶערוֹיש פוּן קְלֵיינֶע טְרִיטט, נָאכְדֶעם אַ שְׁוַואכֶע קִינְדֶערִישֶׁע שְׁטִימְמֶע :

— וֶוער אִיז ?

— אִיךְ, דֶער גַייסְטְלִיכֶער.

ס׳אִיז ווַייטֶער שְׁטִילל גֶעוָוארֶען, גְלַייךְ ווִי אִינְוֶוענְדִיג וָואלְט מֶען גֶעהַאט אַ יִשּׁוּב הַדַּעַת, אֶפְּפֶענֶען אָדֶער נִיט.

— איך בין דער זעלבער גייסטליכער וואס איז דא געוועזן מיט א פאר טאג פריהער.

די ווערטער האבען, ווי עס שיינט, געווירקט. די טהיר האט זיך האלב געעפענט און דאס קליין מיידיל ס ע ל י נ א האט אריינגעלאזט דעם גאסט.

— פערצייהעט, הערר גייסטליכער, די מאמע איז אוועקגעגאנגען און זי האט געזאגט קיינעם ניט אריינלאזען.

אין ערשטען אויגענבליק האט פ י ע ר געטראכט אז וואהרשיינליך בעהאלט זיך דא ס א ל ו ו א. אבער קוים האט ער אבליק געטהון אויפ'ן איינציגער צימער האט ער זיך איבערצייגט אז ס'איז ניט ווי ער מיינט. די מאדאם טעאדאר האט געוויסס מורא געהאט די פאליציי זאל ניט קומען זוכען. האט זי זיך געזעהן מיט סאלוואן? ווייסט זי וואו ער בעהאלט זיך? איז ער נאך יענער נאכט געקומען א היים א קוש געבען די ביידען און בערוהיגען?

— און דיין פאטער, מיין טהייערע, איז אויך ניטא אין דער היים?

— אה ניין, הערר גייסטליכער. ער האט עפעס א געשאפט און איז אוועקגעפאהרען.

— וואס הייסט אוועקפאהרען?

— נו, יא, ער איז מעהר ניט געקומען נעכטיגען און מיר ווייסען ניט וואו ער איז.

— אפשר ארבייט ער ערגעץ?

— אה ניין, ווען ער זאל ארבייטען וואלט ער דאך אונז געשיקט געלט.

— הייסט עס ער איז ערגעץ ווייט אוועקגעפאהרען?

— איך ווייס ניט.

— מן הסתם האט ער דאך געשריבען דער מאדאם טעאדאר?

— איך ווייס ניט.

פ י ע ר האט אויפגעהערט פרעגען און איז אביסעל פארשעמט געווארען פאר זיך אליין, וואס ער געהט אויספארשטען א יונג קינד ווען זי איז איינע אליין אין דער היים. עס קאנן זעהר זיין אז זי ווייס טאקי פון קיין זאך ניט און סאלווא האט זיך אפילו פאר דער אייגענער פאמיליע בעהאלטען. דאס מיידעלע מיט איהר בלאסס פנימל האט אויסגעוויזען אז זי רעדט די וואהרהייט.

— א שאד וואס די מוטטער ט ע א ד א ר איז ניטא. איך האב בעדארפט איהר עפעס זאגען.

— אפשר וועט איהר זיין אזוי גוט און אויפווארטען א ביסעל? זי איז געגאנגען צום פעטטער ט ו ס ע ן, דא נאהענט, אויף דער מארקאדע גאס, און בעדארף באלד צוריקקומען. שוין מעהר ווי א שעה אז זי איז אוועקגעגאנגען.

דאס מיידעלע האט אפגערייניגט איינעם פון די שטוהלען וואס זיינען געוועזן

פַארלֶענְט מִיט שְׁטִיקְלִיךְ הָאלְץ, וֶועלְבֶע מֶען הָאט גֶעוִויס צוּנױפְגֶעקְלִיבֶּען אױף אַ פְרַייֶען פְּלַאץ.

אִין דֶעם קַאלְטֶען, פִינְסְטֶערן אוּנ לֶעעֶרֶען צִימְמֶער הָאט מֶען גֶעפִיהלְט אַז עֶס פֶעהלְט אַ מַאנְסְפֶּערְזָאן, אַ בַּעַל־הַבַּיִת, וָואס אִיז דֶער יְסוֹד פוּן דֶער פַאמִילְיֶע אֲפִילוּ וֶוען סְ'אִיז נִיטָא קֵיין פַּרְנָסָה. עֶר לוֹיפְט אִיבֶּער'ן שְׁטָאדְט, זוּכְט, אוּנ עַל פִּי רוֹב גֶעפִינְט עֶר אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט. צוּ רַאטֶעוֶוען זַיין פַאמִילְיֶע זִי זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען פוּן הוּנְגֶער. קוֹים אִיז עֶר פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען אִיז דִי פְרוֹיעֶנְצִימֶער מִיט'ן קִינְד גֶעבְּלִיבֶּען אָהן דִי לֶעצְטֶע שְׁטִיצוּנְג אוּנ גֶעהֶען אוֹיס פַאר נוֹיטְה.

זִיצֶענְדִיג אוּנ בֶּעטְרַאכְטֶענְדִיג דָאס קְלֵיין מֵיידִיל מִיט דִי לוֹיטֶערֶע בְּלוֹיֶע אוֹיגֶען אוּנ דֶעם גְרוֹיסֶען מוֹיל אוֹיף וֶועלְכֶען עֶס שְׁוֶועבְּט אַ שְׁמֵייכֶעל, הָאט פֶּ יֶ ע ר זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען פְרֶעגֶען אִיהר נָאךְ עֶטְלִיכֶע פְרַאגֶעס.

— דוּ, קִינְד מַיינְס, גֶעהְסְט נִיט אִין שׁוּלֶע?

זִי אִיז רוֹיט גֶעוָוארֶען.

— אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין שִׁיךְ.

עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט, אַז אוֹיף אִיהרֶע פִיסְלֶעךְ טְרָאגְט זִי אַ פָּאר אַלְטֶע צֶוּרִיסְסֶענֶע לַאפְּצִיֶעס, דוּרְךְ וֶועלְכֶע עֶס זֶעהֶען זִיךְ אַרוֹיס דִי רוֹיטֶע פִינְגֶער.

— דִי מוּטֶער טֶעאָדָאר זָאגְט — הָאט זִי וַוייטֶער גֶערֶעדְט — אַז וֶוען סְ'אִיז נִיטָא וָואס צוּ עֶסֶען גֶעהְט מֶען נִיט אִין שׁוּלֶע... זִי הָאט גֶעוָואלְט אַרְבַּייטֶען, קֶען אָבֶּער נִיט וַוייל דִי אוֹיגֶען הֵייבֶּען אִיהר בַּאלְד אָן צוּ בְּרֶענֶען אוּנ גִיסֶען טְרֶערֶען. אַלְזָא וַוייסֶען מִיר נִיט וָואס צוּ טְהוּן. פוּן נֶעכְטִיגֶען טָאג הָאבֶּען מִיר שׁוֹין גָאר נִישְׁט, סַיידֶען דֶער פֶעטְטֶער טוּסְסֶען וֶועט אוּנְז בָּארְגֶען צְוַואנְצִיג סוּ

זִי הָאט נָאךְ אַלְץ גֶעשְׁמֵייכֶעלְט, אָבֶּער אִין דִי אוֹיגֶען זַיינֶען אָנְגֶעלָאפֶען צְוַויי גְרוֹיסֶע טְרָאפֶּען טְרֶערֶען. עֶס הָאט גֶעשְׁנִיטְטֶען בַּיים הַארְצֶען קוּקֶענְדִיג אוֹיף דֶעם אָרֶעם קִינְד, וָואס זִיצְט פַארְשְׁפַּארְט אִין דֶעם לֵיידִיגֶען צִימְמֶער אוּנ לָאזְט קֵיינֶעם נִיט אַרַיין, גְלַייךְ וִוי זִי אִיז אָפְּגֶערִיסֶען פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. אִין דֶעם גַייסְטְלִיכֶען הָאט וִוידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען קָאכֶען דֶער כַּעַס אוֹיף דֶעם אוּנְגֶערֶעכְטֶען שִׁיקְזַאל.

עֶס זַיינֶען אַרִיבֶּער צֶעהְן מִינוּט. עֶר הָאט פַארְלוֹירֶען דִי גֶעדוּלְד אוּנ שׁוֹין גֶעטְרַאכְט אַוֶועקְגֶעהְן צוּ גְרַאנְדִידְיֶען אִין פַאבְּרִיק.

— אַ וואוּנְדֶער פַאר וָואס דִי מַאמַא קוּמְט נִיט — הָאט סֶעלִינַא זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען — גֶעוִויס הָאט זִי זִיךְ דָארְט צוּרֶעדְט מִיט'ן פֶעטֶער.

פְּלוּצְלִינְג אִיז אִיהר אַרַיין אַ פְרִישֶׁער גֶעדַאנְקֶען אִין קָאפּ.

— אוֹיבּ אִיהר ווִילְט, הֶערְר גַייסְטְלִיכֶער, וֶועל אִיךְ גֶעהְן מִיט אַייךְ צוּם פֶעטֶער טוּסְסֶען. דָאס אִיז גַאנְץ נָאהֶענְט, מֶען בֶּעדַארְף נָאר אַרִיבֶּערְגֶעהְן דִי גַאס אוֹיף יֶענֶער זַייט ווִינְקֶעל.

— דוּ הָאסְט דָאךְ אָבֶּער נִיט קֵיין קַאמַאשֶׁען, מַיין טְהַייֶערִינְקֶע?

— אָ, דָאס מַאכְט נִיט אוֹיס, אַלְץ אַיינְס, אִיךְ גֶעה אַזוֹי אוֹיךְ אוּמֶעדוּם.

עֶר אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ גֶעזָאגְט גַאנְץ אֵיינְפַאך:

— אויב אַזוֹי קוּם מִיט מִיר. אִין אֵיין גַאנְג וֶועל אִיךְ דִיר קויפֶען קַאמַאשִׁין.

סֶעלִינַא אִיז רוֹיט גֶעוָוארֶען וִוי אַ צְווִיק אוּנ אִיז גֶעלָאפֶען נָאכְ'ן גַייסְטְלִיכֶען, נָאכְדֶעם וִוי זִי הָאט פַארְשְׁלָאסֶען דִי טְהִיר צְוַויי מָאל, וִוי אַ אֶמֶתֶע בַּעַל־הַבַּיִת'טֶע, אָבְוואהל אִין צִימְמֶער אִיז נִיט גֶעוֶוען וָואס צוּ פַארְשְׁלִיסֶען.

אֵיידֶער דִי מַאדַאם טֶעאָדָאר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּם בְּרוּדֶער טוּסֶען, עֶר זָאל אִיהְר בָּארְגֶען צְוַואנְצִיג סוּ, אִיז אִיהר אַרַיין אִין דִי גֶעדַאנְקֶען פְּרוּבֶען פְרִיהֶער דָאס גְלִיק בַּיי דֶער יִינְגְסְטֶער שְׁוֶועסְטֶער הָארְטֶענְזְיַא, וֶועלְכֶע הָאט גֶעהַאט פַאר אַ מַאנְן אַ קְלֵיינֶעם צִינָאווְנִיקל קְרֶעטְיֶענָא, אוּנ גֶעוָואהְנְט אִין אַ דִירָה פוּן פִיער צִימְמֶערְלִיךְ אויפְ'ן בּוּלְוַואר רָאשְׁשׁוּאַר. דָאס אִיז אָבֶער גֶעוֶוען נִיט קֵיין לַייכְטֶע זַאךְ, אוּנ נָאר צוּלִיעבּ סֶעלִינַא'ן, וֶועלְכֶע פַּאסְט שׁוֹין דֶעם צְווייטֶען טָאג, אִיז בַּיי אִיהר רֶעכְט גֶעוָוארֶען גֶעהְן אַהִין צוּ דֶער שְׁוֶועסְטֶער.

דֶער מֶעחַאנִיק טוּסֶען, אִיהר אֶלְטֶערֶער בְּרוּדֶער פוּן אֵיין טַאטֶען, אִיז שׁוֹין אַלְט גֶעוֶוען פוּנְפְצִיג יָאהר. וֶוען זַיין פָאטֶער אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַ נְ'אַלְמָן הָאט עֶר חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט אַ גַאנְץ יוּנְגֶער נָאהְטָארִין, וֶועלְכֶע הָאט אִיהְם גֶעבּוֹירֶען דְרַיי טֶאכְטֶער: פָאלִינַא, לֶעאָנִי אוּנ הָארְטֶענְזְיַא. דִי אֶלְטֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער פָּאלִינַא אִיז גֶעוֶוען מִיט צֶעהְן יָאהר יוּנְגֶער פוּן טוּסֶען, אוּנ הָארְטֶענְזְיַא, דִי יִינְגְסְטֶע — מִיט אַכְצֶעהְן יָאהְר. זֵייעֶר מוּטְטֶער אִיז גֶעוֶוען אַ אֵשֶׁת־חַיִל, אַ קְלוּגֶע, אוּנ גֶעווּאוּסְט זְוִי צוּ אַיינְאָרְדְנֶען דָאס הויז. זִי אִיז צוּרִיק גֶעוָוארֶען אַ מַייסְטֶערִין אִין אַ מַאגַאזִין אוּנ דָארְט אַרַיינְגֶענוּמְמֶען פָאלִינַא'ן, שְׁפֶּעטֶער אויךְ לֶעאָנִין, אויסְלֶערְנֶען זֵיי דִי אַרְבֵּייט; דִי יִינְגְסְטֶע, הָארְטֶענְזְיַא, וָואס אִיז גֶעוֶוען שֶׁאנֶער אוּנ פַיינֶער פוּן דִי אִיבְּרִיגֶע שְׁוֶועסְטֶער, הָאט זִי גֶעפֶּעסְטְיֶעט, גֶעשִׁיקְט אִין שׁוּלֶע אוּנ שְׁטָאלְצִירְט מִיט אִיהְרֶע קֶענְנְטְנִים. שְׁפֶּעטֶער, וֶוען פָאלִינַא הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט דֶעם מוּלְיֶער לַאבִּיט אוּנ לֶעאָנִי מִיט דֶעם מֶעחַאנִיק סַאלְוַוא, אִיז הָארְטֶענְזְיַא אָנְגֶעקוּמֶען פַאר אַ פֶּערְקויפֶערִין אִין אַ קָאנְדִיטָארַיי אוּנ אִיז דָארְט בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם צִינָאווְנִיק קְרֶעטְיֶענָא. זִי אִיז אִיהְם גֶעפֶאלְלֶען, הָאט אָבֶער נִיט גֶעוָואלְט זַיין זַיינֶע אַ גֶעלִיעבְּטֶע אוּנ עֶר הָאט זִי גֶענוּמֶען פַאר אַ וַוייבּ. לֶעאָנִי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען גַאנְץ יוּנְג, אויף אַ טִיפוּס, עֶטְלִיכֶע וָואכֶען נָאךְ דֶער מוּטֶערְס טוֹיט. דִי עֶלְטְסְטֶע שְׁוֶועסְטֶער פָּאלִינָא, וֶוען דֶער מַאנְן הָאט זִי אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען, אִיז אַוֶועק צוּם שְׁוָואגֶער סַאלְוַוא, וָואס זַיין טָאכְטֶער הָאט זִי גֶערוּפֶען „מַאמַא״, אוּנ יֶעצְט אִיז דִי גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע אויסְגֶעגַאנְגֶען פוּן הוּנְגֶער. נָאר אֵיין הָארְטֶענְזְיַא פְלֶעגְט יוֹם־טוֹב אַרוֹיסְגֶעהְן אָנְגֶעטְהוּן אַ זַייְדֶען קְלֵייד אוּנ גֶעוָואהְנְט אִין אַ נַייעֶם הויז, זִי אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען דִי רַייכְסְטֶע, דִי מְיוּחֶסֶת פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה, אָבְוָואהל זִי הָאט אויךְ גֶעלֶעבְט אִין גְרוֹיס דַחְקוּת.

מַאדַאם טֶעאָדָאר הָאט זֶעהר גוּט גֶעווּאוּסְט אִין וֶועלְכֶער לַאגֶע דִי שְׁוֶועסְטֶער גֶעפִינְט זִיךְ וֶוען עֶס קוּמְט סוֹף חֹדֶשׁ עֶהֶדֶער דֶער מַאנְן נֶעהְמְט אָפּ דִי פֶּענְסְיֶע.

דַארוּם אִיז אִיהר אַזוֹי שְׁוֶוער גֶעוֶוען גֶעהן צוּ הָארְטֶענְזַיאַן יֶעצְט בֶּעטֶען אַ הַלְוָאָה. אוֹיסֶער דֶעם הָאט קְרֶעטְיֶענְנָא נִיט גֶעקֶענְט לַיידֶען דֶער וַוייבְּ'ס פַאמִילְיֶע אוּנ זִיךְ גֶעשֶׁאמְט מִיט אִיהר, וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶוען אִין כַּעַס אוֹיף דֶער פְרוֹי צַייט זִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַארְלִיערֶען אִיהר שֶׁאנְקַייט אוּנ עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז נָאר דוּרְךְ אִיהר אִיז עֶר שְׁטֶאנְדִיג אִין נוֹיטְה. אִיהם, דֶעם קְלֵיין צִינָאוְנִיקְל, וָואס זוּכְט כָּבוֹד אוּנ אִיז זֶעהר אַ פִּינְקְטְלִיכֶער מֶענְשׁ, הָאט נִיט גֶעפַּאסְט הָאבֶּען פַאר קְרוֹבִים אַזַא שְׁוָואגֶער וִוי סַאלְוַוא, וָואס קֶען זִיךְ אוֹיף קַיין אָרְט נִיט אַיינְהַאלְטֶען אוּנ מֶען טְרַייבְּט אִיהם אַרוֹיס פוּן יֶעדֶער מַייסְטֶער־שְׁטוּב. אוּנ אַזַא שְׁוֶועגֶערִין וִוי מַאדַאם טֶ ע אָ דָ א ר, וָואס לֶעבְּט מִיט'ן שְׁוָואגֶער דֶעם קִינְד אִין דִי אוֹיגֶען. עֶר הָאט פַארְבָּאטֶען הָארְטֶענְזַיאַן, זִי זָאל נִיט אַרַיינְלָאזֶען צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּבּ דִי שְׁוֶועסְטֶער.

אוּנ דָאךְ וֶוען מַאדַאם טֶ ע אָ דָ א ר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִי רַיינֶע מִיט אַ קָאבְּרֶעץ פֶערְשְׁפְּרַייטֶע טְרֶעפּ אִין דֶעם הוֹיז וואוּ הָארְטֶענְזַיאַ וָואהְנְט, הָאט זִי גֶעפִיהְלְט אַבִּיסֶעל שְׁטָאלְצְקַייט, וָואס אִיהר שְׁוֶועסְטֶער לֶעבְּט אִין אַזַא רָאסְקָאשׁ. דִי דִירָה אִיז גֶעוֶוען אוֹיפְ'ן דְרִיטְטֶען שְׁטָאק אִין הוֹיף אוּנ הָאט גֶעקָאסְט 700 פְרַאנְק אַ יָאהר. דָאס טָאג־מֶענְשׁ, וָואס פְלֶעגְט קוּמֶען אַלֶע טָאג זַייגֶער פִיער צוּם בֶּעדִינֶען, אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אִין קִיךְ.

זִי הָאט אַרַיינְגֶעלָאזֶען דֶעם גַאסְט, וֶועלְכֶע אִיז אִיהר שׁוֹין גֶעוֶוען בֶּעקַאנְט, זָבֶער אוֹיף דֶער דִיעֶנְסְטְס פָּנִים אִיז קֶענְטִיג גֶעוֶוען אַז זִי וואוּנְדֶערְט זִיךְ וָואס אַזַא אָרִימֶע אָבְּגֶערִיסֶענֶע פְרוֹי הָאט דִי הֶעָזָה קוּמֶען אַהֶער. אוֹיפְ'ן שְׁוֶועל פוּן קְלֵיינֶעם גַאסְטְצִימֶער אִיז מַאדַאם טֶעאָדָאר גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן וִוי אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶע, דֶערְזֶעהֶענְדִיג דִי שְׁוֶועסְטֶער הָארְטֶענְזַיאַ אוֹיף אֵיינֶעם פוּן דִי שְׁטוּהלֶען וָואס זַיינֶען אִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען מִיט בְּלוֹיעֶן רִיפְּס, זִיצְט אוּנ וַויינְט בִּיטֶער.

— וָואס אִיז דִיר? וָואס אִיז גֶעשֶׁעהן?

הָארְטֶענְזַיאַ, וֶועלְכֶע אִיז יֶעצְט אַלְט גֶעוֶוען צְוַוייא־אוּנ־דְרַייסִיג יָאהר, הָאט שׁוֹין לַאנְג פַארְלָארֶען אִיהר אַמָאלִיגֶע שֶׁאנְקַייט. אֱמֶת, זִי אִיז נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ גֶעוֶוען אֶהנְלִיךְ צוּ אַ לְיַאלְקֶע מִיט גֶעלֶע הָאר — הוֹיךְ אוּנ דִינְן, מִיט שֶׁאנֶע אוֹיגֶען אוּנ גֶעדִיכְטֶע בְּלָאנְדֶע הָאר. פְרִיהֶער פְלֶעגְט זִי זַיין זֶעהר בֶּעשֶׁאפְטִיגְט מִיט דֶער אֵיינֶענֶער פֶּערְזָאן, דִי לֶעצְטֶע צַייט אָבֶּער הָאט זִי זִיךְ שְׁטַארְק אָבְּגֶעלָאזְט אוּנ וָואכֶענְלַאנְג טְרָאגֶען אַ אָבְּגֶעפָּאהְרֶענֶעם, אוּמְרֵיינֶעם שְׁלַאפְרָאק. דִי בְּרֶעמֶען זַיינֶען גֶעוָוארֶען רוֹיט, דִי דַיעֶנֶע הוֹיט — גְרָאב אוּנ פַארְוֶועלְקְט. זִי אִיז זֶעהר גֶעאֶלְטֶערְט גֶעוָוארֶען צַייט זִי הָאט גֶעבּוֹירֶען צְוַוייא מַיידְלִיךְ, וָואס אֵיינֶע אִיז יֶעצְט אַלְט גֶעוֶוען נַיין יָאהר אוּנ דִי צְוַוייטֶע זִיעבֶּען. הָארְטֶענְזַיאַ אִיז גֶעוֶוען אַ הִיצִיגֶע, אַ שְׁטָאלְצֶע עֶגָאאִיסְטְקֶע אוּנ הַרְטָה גֶעהַאט וָואס זִי אִיז גֶעוָוארֶען דֶעם צִינָאוְנִיקְלְ'ס פְרוֹי, וַוייל אַמָאל הָאט זִי זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ זֶעלְטֶענֶע יְפֵהפִיָה, וֶועלְכֶער עֶס שְׁטֶעהט אָן צוּ זִיצֶען אִין פַּאלַאצֶען אוּנ פָאהרֶען אִין גָאלְדֶענֶע קַארֶעטֶען וִוי אַ פְּרִינְצֶעסִין.

הָארְטֶענְזְיַא אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי פֶערְצְוַוייפֶעלְט, אַז זִי הָאט זִיךְ אֲפִילוּ נִיט
גֶעוואוּנְדֶערְט וָואס דִי שְׁוֶועסְטֶער אִיז גֶעקוּמֶען.

— אַךְ, דָאס בִּיסְט דוּ? אָ, שְׁטֶעלל דִיר פָאר מַיין אוּמְגְלִיק! וֶוענִיג עַגְמַת־
נֶפֶשׁ הָאבּ אִיךְ, קוּמְט אוֹיף מִיר נָאךְ אַ נַייֶע צָרָה!

— דִי קִינְדֶער זַיינֶען קְרַאנְק

— אָה, דָאס נִיט, זֵיי זַיינֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען שְׁפַּאצִירֶען אִיבֶּער'ן בּוּלְוַואר מִיט
דֶער שְׁכֵנְתֶה... שְׁטֶעלל דִיר פָאר, מַיין טְהַייעֶרֶע, אִיךְ בִּין וַוייטֶער שְׁוַואנְגֶער.
אִין דֶער צְוַוייטֶער מָאנַאט. הַיינְט נָאךְ פְרִיהשְׁטָאק אַז אִיךְ הָאבּ דָאס עֶרְצֶעהלְט
דֶעם מַאנְן, אִיז עֶר גֶעוָוארֶען וִוילְד פוּן כַּעַס, גֶעשְׁרִיעֶן אוּנ מִיךְ גֶעזִידֶעלְט, אַז
אִיךְ בִּין אִין דֶעם שׁוּלְדִיג. גְלַייךְ דָאס וָואלְט זִיךְ גֶעוֶוענְדְט נָאר אָן מִיר. אוּנ צוּ
קוּמֶענְס קָאפּ וֶועט דָאס אוֹיסְגֶעהן אַז נִיט צוּ מַיינֶער? נָאךְ דָאס הָאט מִיר גֶעפֶעהלְט.
וֶוענִיג הַארְצְוֶועהטָאגֶען הָאבּ אִיךְ!

אוּנ זִי הָאט גֶענוּמֶען וַוייטֶער חַלִיפֶען אוֹיף'ן קוֹל. מִיט טְרֶערֶען הָאט זִי
דֶערְצֶאהלְט דֶער שְׁוֶועסְטֶער, וִוי זִי מִיט'ן מַאנְן זַיינֶען אִיבֶּערְרַאשְׁט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם,
ווייל שׁוֹין לַאנְג זַיינֶען זֵיי כִּמְעַט וַוייט אֵיינֶער פוּן אַנְדֶערְן, דוּרְךְ דֶער מוֹרָא
פַאר אַ דְרִיטְטֶען קִינְד. נָאךְ אַ גְלִיק וָואס עֶר אִיז זִיכֶער אַז זִי אִיז אִיהם נִיט
פַאלְשׁ...

— נוּ, וָואס זָאל מֶען טְהוּן? — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען טֶעאָדָאר — אִיהְר
מִיט מוּזֶען הָאדֶעוֶוען דָאס נַייֶע קִינְד גְלַייךְ וִוי דִי עֶרְשְׁטֶע צְוֵויי.

הָארְטֶענְזְיַא הָאט זִיךְ אַזוֹי צוּכַּעַסְת אַז אִיהְרֶע אוֹיגֶען זַיינֶען מִיט אַ מָאל
קָאנְצֶענְטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען.

— אַ שֶׁאנֶעם דַאנְק דִיר! וָואס פַאר אַ גוּטֶע דוּ בִּיסְט! וִוי ס'זַייזְט אוּים וֵוייסְט
דוּ נִיט אוּנְזֶער צוּשְׁטַאנְד. מִיט וָואס וֶועלֶען מִיר הָאדֶעוֶוען דָאס קִינְד אַז אָהְן אִיהְם
הָאבֶּען מִיר אוֹיךְ קוּים קוּים אוּנְזֶער חִיוּנָה?

זִי הָאט פַארְגֶעסֶען אִיהְר גַאנְצֶע גַאֲוָה אוּנ גֶענוּמֶען עֶרְצֶאהְלֶען וִוי זִי לֶעבְּט
שְׁטַאנְדִיג אִין עֶנְגְשַׁאפְט, אִין דַחְקוּת אוּנ אִין שְׁטֶענְדִיגֶער נוֹיטְה. אִימְמֶער
פֶערְפֶעהְלְט דֶער גְרָאשֶׁען. דִי דִירָה קָאסְט 700 פְרַאנְק, אַלְזָא בְּלַייבְּט פוּן דֶער
פֶענְסִיֶע קוּים צְוֵויי הוּנְדֶערְט פְרַאנְק אַ חוֹדֶשׁ. וִוי אַזוֹי זָאל מֶען זִיךְ קֶערְעוֶוען מִיט
אַ סוּמְמֶע? פִיער פֶערְזָאן בֶּעדַארְפֶען עֶסֶען, טְרִינְקֶען אוּנ אָנְטְהוּן זִיךְ, מֶען
זָאל זַיין לַייטֶען גְלַייךְ. דֶער מַאנְן בֶּעדַארְף אַ פְרַאק, דָאס וַוייבּ — אַ נַייֶע קְלֵייד,
אוּנ נִיט וֶועלֶען לַייט זָאגֶען אַז מֶען אִיז שְׁלֶעפֶּער. דִי מֵיידְלִיךְ צוּרַייסֶען יֶעדֶען חֹדֶשׁ
אַ פָּאר שִׁיכְלֶעךְ, אוֹיסֶער אַנְדֶערֶע הוֹצָאוֹת וָואס אַ הוֹיז בֶּעדַארְף. צוּ מִיטָאג מַאכְט
מֶען אַ גֶעקֶעכְץ וֶוענִיגֶער, קֵיין וַויין פֶערְגִיעֶנְט מֶען זִיךְ נִיט. עֶס מַאכְט זִיךְ
אַבֶּער אַ אָבֶּענְד וֶוען מֶען מוּז דִינְגֶען אַ קַארֶעטֶע. אַ חוּץ דֶעם טְהוּעֶן דִי קִינְדֶער
גְרוֹיסֶע הֶזֵיקוֹת, בְּרֶעכֶען, מַאכֶען קַאלְיֶע. זִי אִיז גַאנְצֶע טָאג פַארְיָאגְט מִיט דֶער

ווירטהשאַפט, דער מאַנן נעהט אַרום שטענדיג אָנגעלאָדען, באַז; ער זאָגט אַז ער וועט שוין קיינמאָל ניט קומען צו אַ תּכלית, אפילו אַז מען וועט איהם האַבערן די פענסיע ביז פיער טויזענד פראַנק

— אָבער איהר וועט דאָך ניט נעהמען דערשטיקען דאָס קינד? — האָט מאַדאַם טעאָדאָר געזאָגט.

— געוויס ניט; אָבער דאָס איז דאָך פאַר אונז אַ ריינער אומגליק. צוויי קינדער איז אויך צופיעל, קומט נאָך אַ דריטטס. וואָס וועלען מיר יעצט טהון? וואָס וועט פון אונז ווערען?

זי האָט אָנגעלעהנט דעם קאָפּ צום ווענטיל פון שטוהל און פון איהרע רויטע אויגען האָבען ווידער אָנגעהויבען גיסען טרערען.

מאַדאַם טעאָדאָר האָט שטאַרק באַנג געטהון וואָס זי איז געקומען צו דער שוועסטער אין אַזאַ צייט, דאָך האָט זי סוף כל סוף רעזיגנירט און געבעטען ביי איהר באָרגען צוואַנציג סו. מיט דער בקשה האָט זי אָבער נאָך פאַרגרעסערט האָרטענזיאַס פערצווייפלונג און געשיטט זאַלץ אויף איהרע וואונדען.

— עהרען וואָרט, איך האָב אין גאַנצען הויז קיין פעניג ניט. אַט ערשט האָב איך זעלבסט געבאָרגט ביי דער דינסט 10 סו פאַר די קינדער. פאַרגעסטערן האָב איך פאַרזעצט אין לאָמבאַרד מיין פינגעריל פאַר צעהן פראַנק. שטענדיג איז די זעלבע געשיכטע ענדע חודש... דער מאַנן בעקוממט היינט זיין פענסיע און בעדאַרף קומען אַהיים פריהער, זאָנסט וועלען מיר ניט האָבען קיין געלט אויף מיטאָג. איך זאָג דיר צו, אַז קוים וועט נאָר מעגליך זיין וועל איך דיר מאָרגען צושיקען אַהיים.

אין דער מינוט איז די דיענסט אַריינגעלאָפען אָהן אָטהעם, ווייל זי האָט געוואוסט אַז דער הערר קאָנן ניט ליידען דער מאַדאַמס קרובים.

— דער הערר געהט, דער הערר געהט! איך האָב געהערט... ער געהט אויף די טרעפּ.

— געשווינד, געשווינד געה אַוועק! — האָט האָרטענזיאַ געשריען — אַ ניט וועט ווייטער זיין אַ סצענע... מאָרגען וועסטו בעקומען, אַז ס'וועט נאָר מעגליך זיין.

מאַדאַם טעאָדאָר האָט געמוזט זיך פאַרשטעקען אין קיך, זי זאָל ניט בעגעגנען דעם שוואָגער. דאָך פון דערווייטענס האָט זי איהם געזעהן — ער איז אַלץ דער אייגענער: אָנגעטהון ריין, אין אַ שטייפען סורדוט, מיט אַ מאָגער פנים, אַ גרויסען שאַנעם באָרד, שטאָלץ, אָנגעבלאָזען און צורייצט. די פיערצעהן יאָהר דיענסט אין דעפּאַרטאַמענט האָבען איהם שוין אויסגעטריקענט, און די קאַווע האָט שוין גאָר אַ סך געמאַכט פון איהם — ער פלעגט זיצען שעה'ן לאַנג אין קאַווע־הויז און איז געוואָרען אַ שרעקליכער ליעבהאָבער פון קאַווע.

מאַדאַם טעאָדאָר איז אַרויסגעלאָפען.

שטילל, קוים געשלעפט די פים, איז זי אוועקגעגאנגען אויף דער מארקאדע
זם, וואו די פאמיליע טוססען האט געוואהנט. פון ברודער האט זי אויך
אנץ ווייניג געהאפט צו בעקומען הילף. ער ליידט אויך גענוג צרות. ערשט ניט
אנג איז ער לייכט פאראליזירט געווארען און געמוזט גאנצע פינף מאנאטען זיצע
ויפ'ן שטוהל אהן בעוועגונג. ביז היינט איז ער געוועזען א לייט: א גוטער
רבייטער, ניט געשכורט, פיין ערצויגען זיינע דריי קינדער: די טאכטער האט
תונה געהאט מיט א סטאליאר און זיך בעזעצט אין האוור, איין זוהן איז
עשטארבען אלס סאלדאט אין טאנקין, און דער יונגסטער זוהן שארל האט שוין
פגעדינט אין מיליטער און איז ווידער געווארען א מעחאניק. אבער די פינף
דשים קרענק האבען אויסגעשעפט דאס גאנצע ביסעל געלט וואס טוססען האט
עהאט ליגען אין שפאר־קאססע, און נאכדעם, אז ער איז געזונט געווארען און
עשטעלט זיך אויף די פים, האט ער געמוזט אנהויבען פיהרען א נייעם לעבען, אהן
גראשען געלט, גלייך ווי אין דער יוגענד צו צוואנציג יאהר.

מאדאם טעאדאר האט געפונען די שוועגערין, טוססענס פרוי, אליין אין
עם איינציגען, זעהר ריינעם צימער, וואו די גאנצע פאמיליע האט געוואהנט.
עבען צימער איז געוועזען נאך א קליין קאמעריל, פאר'ן בעל־הבית אליין. מאדאם
וססען איז געוועזען א דיקע פרוי און האט געליטען פון צופיעל פעטקייט, אבוואהל
יהר האט ניט געפעהלט קיין צרות אין לעבען און מאנכעס מאל איז ניט געוועזען
אס צו עססען. איהר פנים איז קיילעכדיג און פארגאססען, די אויגען קליינע
ונ לעבעדיגע. זי איז געוועזען א אויסגעצייכענטע פרוי, האט אבער ליעב געהאט
ז ביססעל פלוידערן און שטארק נאשען — דאס איז געוועזען איהר איינציגער חסרון.

תיכף ווי זי האט דערזעהן דער שוועגערין, נאך עהדער יענע האט געעפענט
אס מויל, האט זי שוין געטראפפען איהר כוונה.

— אה, מיין ליעבע, איהר זיינט געקומען נישט אין דער געהעריגער צייט.
מיר זיינען אליין אין דער קלעם. ערשט פארגעסטערן האט טוססען געקאנט געהן
צו דער ארבייט און היינט אין אוועגד וועט ער מוזען בעטען פענסיע פאראוים.

זי האט געקוקט אויפ'ן גאסט גאנץ קאלט, ווי א פרעמדע, אהן שום מיטלייד
צו איהר.

— און וואס איז מיט סאלוואן? ער געהט נאך אלץ ארום אהן ארבייט?

מאדאם טעאדאר האט זיך גערעכט אויף אזא שאלה און שוין געהאט
אנגעגרייט א ליגען פאר א תירוץ.

— ער איז ניטא אין פאריז. א גוטער־פריינד האט איהם פארנארט אויף
ארבייט אין בעלגיען און איך ווארט, ער זאל מיר שיקען געלד.

מאדאם טוססען האט ניט געוואלט גלויבען.

— בעססער פאר איהם וואס ער איז ניטא אין פאריז. וואס אמת, מיר האבען
שוין איהם חושד געוועזען אין דער מאוסער געשיכטע מיט דער באמבע. ער איז דאך

אַ מִיטְגְעֶנֶער און קֶען זִיךְ אָפְּגֶעבֶּען מִיט אַזָאלְכֶע גֶעשֶׁעפְטֶען.

מַאדַאם טֶעאָדָאר הָאט אֲפִילוּ נִיט אַ פִּינְטֶעל גֶעטְהוּן מִיט דִי אוֹיגֶען. זִי הָאט אוֹיךְ סַאלְוַואן חוֹשֵׁד גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער וָואס טוֹיג אִיהר דָאס רֶעדֶען?

— און אִיהר אַלֵיין, טְהַייֶערִינְקֶע, קֶענְט נִיט גֶעפִינֶען עֶפֶּעס אַרְבֵּייט?

— וָואס קֶען אִיךְ מַאכֶען מִיט מַיינֶע קְרַאנְקֶע אוֹיגֶען? נֵייהֶען קֶען אִיךְ שׁוֹין נִיט.

— דָאס אִיז אֱמֶת, אַ נֶעהטָארִין קֶען נִיט לַאנְג צִיהֶען. אָט לְמָשָׁל אִיךְ, בְּשַׁעַת דֶער מַאנְן אִיז גֶעלֶעגֶען קְרַאנְק הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶענוּמֶען צוּ מַיין אַמָאלִיגֶער מְלָאכָה גֶעהֶען וֶועשׁ. ס'אִיז אָבֶּער נִיט גֶעגַאנְגֶען; ס'פַאלְלְט אַלְסְדִינְג פוּן דֶער הַאנְד אַרוֹים... נָאר אֵיינְס בְּלַייבְּט: ווערֶען אַ דִינְסְט. דָאס קֶען מֶען צוּ יֶעדֶער צַייט. פַאר וָואס זָאלְט אִיהר נִיט גֶעהְן דִינֶען אוֹיפְ'ן טָאג?

— אִיךְ זוּךְ אַרְבֵּייט, קֶען אָבֶּער נִיט גֶעפִינֶען.

בִּיסְלִיכְוַויִיז אִיז מַאדַאם טוֹסְסֶענס הַארְץ וַוייכֶער גֶעוָוארֶען און אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיהלֶען מִיטְלֵייד מִיט דֶער אָרִימֶער שְׁוֶועגֶערִין. זִי הָאט אִיהר גֶעבֶּעטֶען זִיצֶען און פַארְשְׁפְּרָאכֶען הֶעלְפֶען מִיט עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען, אוֹיבּ דֶער מַאנְן וֶועט בְּרֶענְגֶען גֶעלְט. נָאכְדֶעם הָאט זִי זִיךְ צוּרֶעדְט, צוּפְלוֹידֶערְט — צוּפְרִיעדֶען אַז זִי הָאט פַאר וֶועמֶען אוֹיסְשִׁיטֶען אִיהרֶע נַיין מָאס רֵייד. דָאס עֶרְשְׁטֶע, וָואס זִי פְּלֶעגְט אַלְלֶע מָאל פוּן דֶעם אָנְהוֹיבֶּען און אִיבֶּערְקַייֶען גָאר אָהן אַ סוֹף, אִיז גֶעוֶוען אַ גֶעשִׁיכְטֶע וֶועגֶען אִיהר זוּהְן שַׁארְל, וָואס אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶער דִיעֶנְסְט פוּן דֶעם ווַיינְהַאנְדְלֶער אִין צְוַוייטֶען הוֹיז. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַזַא נַאר מַאכֶען מִיט אִיהר מְאוּסֶע מַחֲזִיקוֹת. פְרִיהֶער, עֶהֶדֶער עֶר הָאט גֶעדִיעֶנְט אִין מִילִיטֶער, אִיז שַׁארְל גֶעוֶוען אַ גוּטֶער אַרְבֵּייטֶער, הָאט לִיעבּ גֶעהַאט דִי עֶלְטֶערְן און גֶעבְּרַאכְט אַהֵיים זַיין גַאנְצֶען פֶערְדִיעֶנְסְט. יֶעצְט אִיז עֶר שׁוֹין קַאלְיֶע, דִי סְלוּזְבֶּע הָאט בַּיי אִיהם צוּגֶענוּמֶען דֶעם חֵשֶׁק צוּ אַרְבֵּייטֶען. דִי אִינְסְטְרוּמֶענְטֶען זַיינֶען אִיהם שׁוֹין צוּ שְׁוֶוער.

— אַזוֹי, אַזוֹי, מַיין טְהַייֶערֶע. שַׁארְל אִיז נָאךְ אַלְץ אַ גוּט קִינְד וִוי פְרִיהֶער, אָבֶּער עֶר קֶען שׁוֹין אוּנְז נִיט בֶּעהִילְפִיג זַיין. חֲתוּנָה הָאבֶּען הָאט עֶר זִיךְ גֶעאַיילְט, וַוייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט נֶעהמֶען אוֹיף זִיךְ אַ יָאךְ. מִיט מֵיידְלִיך הָאט עֶר זִיךְ קֵיינְמָאל נִיט אָבְּגֶעגֶעבֶּען. צוּם שְׁלִימַזְל הָאט עֶר זִיךְ בֶּענַארִישְׁט און אַרַיינְגֶעפַאלְלֶען מִיט דֶער עֶוְוגֶעניֶע, וָואס פְּלֶעגְט אִיהם בֶּעדִיעֶנֶען וֶוען עֶר אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין ווַיינְהַאנְדְלוּנְג אוֹיסְטְרִינְקֶען אַ גְלֶעזֶעל ווַיין. עֶס פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז אִיהם אִיז גָאר נִיט אַרוֹיף אִין דִי גֶעדַאנְקֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט אִיהר, אָבְּוָואהל עֶר פְּלֶעגְט אִיהר בְּרֶענְגֶען אַפֶּעלְסִינֶען וֶוען זִי אִיז נָאכְ'ן קִינְפֶּעט גֶעלֶעגֶען אִין פְרִיוּט. אַ שֶׁאנֶע פַּאסְקוּדְסְטְוָוא אִיז דָאס, שׁוֹין נִישְׁט דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אִיז זִי פַארְבּוּנְדֶען מִיט אַ מַאנְסְפֶּערְזָאן... דָאס קִינְד אִיז פָארְט גֶעבְּלִיעבֶּען אוֹיפְ'ן זוּהְנְ'ס הַאנְד. עֶר הָאט דָאס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ אַ נְ'אַם און צָאהלְט יֶעדֶען חֹדֶשׁ. דָאס גַאנְצֶע פֶערְדִיעֶנְסְט גִיט עֶר אַוֶועק און ס'וֶוערְט פוּן אִיהם אַ תֵּל. מִיט אֵיין וָוארְט:

יות אויפ'ן פוד פוּן אַלֶע זייטֶען.

נָאךְ אַ האַלבֶּע שָׁעָה פְלוּידֶערן הָאט מַאדַאם ט ו ס ֶ ע ן פְלוּצְלִינְג אִיבֶּער־ וריסֶען אִיהר גֶעשְׁפְּרֶאךְ, בֶּעמֶערְקֶענְדִיג וִוי אִיהר גַאסְט אִיז בְּלַאס וִוי קַאלְך פוּן נְגֶעדוּלְד.

— וָואס? אִיהר אַיילְט זִיךְ? אָבֶּער מַיין מַאנְן וֶועט נִיט אַזוֹי גֶעשְׁוִוינְד קוּמֶען. ויבּ אִיהר ווילְט לָאמִיר אַליין גֶעהן אִין מַייסְטֶער־שְׁטוּבּ, וֶועל אִיךְ וֶוענִיגְסְטֶענְס יסֶען אוֹיבּ מִיר הָאבֶּען אוֹיף עֶפֶּעס צוּ וַוארְטֶען.

בַּיי זַיי אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען גֶעהן אִין פַאבְּרִיק, אָבֶּער אוּנְטֶען הָאבֶּען זַיי נָאךְ פְלוּידֶערְט אַ נְ'עֶרֶךְ פוּן אַ פֶערְטִיל שָׁעָה מִיט אַ שָׁכֵנְתֶּע, וָואס הָאט נִיט לַאנְג פִיל גֶעוֶוען.

עֶנְדְלִיךְ זַיינֶען זַיי אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיפ'ן גַאס. פְּלוּצְלִינְג הָאבֶּען זַיי דֶערְהֶערְט י אִימִיצֶער שְׁרַייט:

— מַאמַא! מַאמַא!

דָאס הָאט גֶעשְׁרִיעֶן דִי קְלֵיינֶע ס ֶ ע ל ִ י נ ַ א. זִי אִיז גֶעוֶוען אִיבֶּערְגְלִיקְלִיךְ.

— מַאמַא, אָט אִיז דֶער הֶערר גַייסְטְלִיכֶער, וָואס אִיז בַּיי אוּנְז גֶעוֶוען אר עֶטְלִיכֶע טָאג. עֶר ווִיל זִיךְ זֶעהֶען מִיט דִיר — זֶעה נָאר וָואס עֶר הָאט מִיר עקוֹיפְט!

מַאדַאם ט ֶ ע א ָ ד ָ א ר הָאט דֶערְזֶעהֶן בַּיי סֶעלִינַאן נַייעֶ קַאמַאשְׁלִיךְ אוּנ אַ בּוּלְקֶע. י הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צִיטְטֶערן אִין גַאנְצֶען לַייבּ אוּנ גֶענוּמֶען לֶעפְּטְשֶׁען אַ דַאנְק וען פְיֶער אִיז אָנְגֶעקוּמֶען הִינְטֶערן קִינְד. מַאדַאם ט וּ ס ֶ ע ן אִיז אוֹיךְ צוּגֶעגַאנְגֶען; י הָאט זִיךְ אַליין פְאְרְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ גֶעדַאנְקְט פַאר זַיין טוֹבָה מִיט דֶער אָרִימֶער שְׁוֶועגֶערִין. דֶערְזֶעהֶענְדִיג וִוי דֶער גַייסְטְלִיכֶער שְׁטֶעקְט אִיהר אַרַיין אִין הַאנְד אַ צֶעהן־פְרַאנְקֶען שְׁטִיק, הָאט זִי עֶרְקְלֶערְט, אַז זִי וָואלְט אַליין אִיהר גֶעבָּארְגְט, אָבֶּער דִי אוּמְשְׁטֶאנְדֶען זַיינֶען זֶעהר שְׁלֶעכְטֶע. אוּנ הָאט וִויעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען עֶרְצֶאהְלֶען וֶועגֶען דֶעם מַאנְס קְרַאנְקְהֵייט אוּנ וֶועגֶען אִיהר זוּהְן.

— זָאג נָאר, מוּטֶער — הָאט סֶעלִינַא אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען דִי רֵייד — דִי פַאבְּרִיק וואוּ דֶער פַאפַּא אַרְבֵּייט, אִיז דָאךְ נָאהֶענְט, אִין עֶק גַאס? דֶער הֶערר גַייסְטְלִיכֶער בֶּעדַארְף אַהִין גֶעהן.

— גְרַאנְדִידְיֶעס פַאבְּרִיק? — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מַאדַאם טוּסְסֶען — מִיר קָלַייבֶּען זִיךְ טַאקִי יֶעצְט גֶעהן אַהִין. מִיר קֶענֶען דֶעם הֶערְר גַייסְטְלִיכֶען בֶּעגְלֵייטֶען.

דִי פַאבְּרִיק אִיז גֶעוֶוען נָאהֶענְט הוּנְדֶערְט טְרִיט פוּן דָארְטֶען. פ ְ י ֶ ע ר אִיז גֶעגַאנְגֶען לַאנְגְזַאם, בִּכְדֵי עֶר זָאל דֶערְוַוייל קֶאנֶען אוֹיסְפְרֶעגֶען דֶער מַאדַאם טֶעאָדָאר וֶועגֶען ס א ל ְ ו ַ ו א ן. זִי אִיז אָבֶּער מִיט אַ מָאל קַארְג גֶעוָוארֶען אוֹיף וֶוערְטֶער אוּנ נָאר גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז זַיי הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין לַאנְג נִיט גֶעזֶעהֶן — עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען, דַאכְט זִיךְ אִין בֶּעלְגִיֶען, מִיט אַ חָבֵר, אַרְבֵּייטֶען צוּזַאמֶען. פ ְ י ֶ ע ר הָאט בַּאלְד גֶעטְרָאפֶען אַז סַאלְוַוא אִיז פוּן יֶענֶעם אָבֶּענְד שׁוֹין מֶעהר אַהֵיים נִיט גֶעקוּמֶען אוּנ

בעהאלט זיך אפילו פאר'ן ווייב מיט'ן קינד.

— נו, אט איז די פאבריק — האט געזאגט מאדאם טוסען — יעצט בעדא(…)
שוין מיין שוועגערין ניט שטעהן דא אונ ווארטען, ווי באלד איהר זיים אזוי (…)
געוועזן שטיצען איהר. א דאנק אייך פאר איהר אונ פאר אונז אללעמען.

מאדאם טעאדאר מיט סעלינא'ן האבען אויך אנגעהויבען דאנקען, אונ אל(…) דריי זיינען נאך געבליבען שטעהן א ווייל אויפ'ן טראטואר, נאכגעקוקט דע(…) גייסטליכען וואס איז אריין אין פאבריק אונ געערדט צווישען זיך אז אויף דער וועלט געפינען זיך דאך גוטע גייסטליכע.

גראנדידיעס פאבריק האט פארנומען א גרויסע שטרעקע. צום גאס א(…) ארויסגעגאנגען נאר א ניעדריגע געביידע פון ציגעל, מיט שמאלע פענסטער. ביי זיים איז געוועזן ברייטע טהויערען, דורך וועלכע מען האט ארויסגעזעהן א גרויס(…) הויף. דארט אין הויף איז געוועזן פול געביידען, אפיציענס, שפייכלער או(…) מאגאזינען. צוויי הויכע קוימענס האבען ארויסגעסטארטשעט איבער אלע דאכער. באלד ביים אריינגאנג האט זיך שוין געהערט דאס קלאפעריי פון מאשינען, דער דומפע(…) גערויש פון ארבייט. עס האט געקאכט אונ געראדערט; די ערד האט געציטטערט טייכליך שווארצע וואסער רינגען, ציילען ווייסע פארע זעצען ארויס מיט א דינגע(…) פייף פון די שמאלע דינע קוימענדליך, גלייך ווי דאס וואלט געווען דער אטהע(…) פון א גרויסע מחנה מענשען וואס ארבייט פלייסיג ווי די ביהנען אין ביהנשטאק.

יעצט האט מען אין פאבריק געארבייט מייסטענטהיילס וועלאסיפעדען. ווען גראנדידיע האט איבערגענומען די פאבריק אין זיינע הענד איז זי געווען אין א שלעכטען צושטאנד. מען האט אין איהר געמאכט קליינע מאטארען. די אינסטרומענטען זיינען געוועזן אלטע; דאס גאנצע פיהראכץ פון דער פאבריק — אהן לאד אונ אהן טאלק. דער נייער בעל-הבית האט געבארגט געלט ביי זיין אלטערן ברודער, וועלכער איז געוועזן אדמיניסטראטאר אין איינעם פון די גרויסע מאגאזינען „באן מארשע", אונ זיך פארפליכטעט, איהם צושטעללען אויסגעצייכענטע וועלאסיפעדען צו הונדערט פופציג פראנק א שטיק. דאס געשעפט האט זיך פארבעססערט, פארגראססערט, דער מאגאזין „באן מארשע" האט אנגעהויבען פאר־קויפען א נייעם סארט וועלאסיפעדען פאר ביללינג געלט, אז יעדער זאל קאנען קויפען. אבער גראנדידיע האט געמוזט נאך לאנג מוטשען זיך ביז ער זאל שוין זיין אויף א דרך, ווייל ער איז געוועזן שטארק פארשולדיגט אונ אויסגעגעבען פיעל געלט אויף נייע אינסטרומענטען. יעדען חדש האט ער געמאכט א נייע אויס־בעססערונג, איינגעפיהרט ניימאדנע מאשינען, געזוכט די וועלאסיפעדען זאלען איהם קאסטען ביללינגער אונ זיין פיינער אונ בעססער. יעצט איז ער ארומגעגאנגען מיט'ן געדאנקען, אנהויבען ווידער מאכען אין זיין פאבריק קליינע מאטארען, ווייל ער האט ארויסגעזעהן, אז אין גיכען וועט אריין שטארק אין דער מאדע קארעטען אויף פארע.

פְּיֶער הָאט גֶעפְּרֶאגְט אויבּ דָא גֶעפִינְט זִיךְ הֶערר טָאם פְּרָאמַאן. אַ אַלְטֶער אַרְבֵּייטֶער הָאט אִיהְם גֶעפִיהְרְט אִין אַ קְלֵיינֶע מַייסְטֶער-שְׁטוּבּ פוּן בְּרֶעטֶער. דָארְט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען טָאם, אָנְגֶעטהוּן וִוי אַ פְּרָאסְטֶער אַרְבֵּייטֶער מִיט אַיינְגֶערִיכְטֶע, שְׁוואַרְצֶע הֶאנְד פוּן פַיילֶען אַייזֶען. עֶר הָאט צוּגֶעפַּאסְט אַ טְהֵייל צוּ אַ מַאשִׁין. אִין דֶעם דְרַיי-אוּנ-צְוַואנְצִיג יֶאהְרִיגֶען, הויכְגֶעוְוּיקְסִיגֶען יוּנְגֶען מֶענְשֶׁען, וָואס אִיז אוּנְקְטְלִיךְ אוּנ גֶעשִׁיקְט אִין דֶער שְׁוֶוערֶער אַרְבֵּייט, וָואלְט קֵיינֶער נִיט דֶערְקֶענְט דֶעם אַמָאלִיגֶען אויסְגֶעצֵייכֶענְטֶען גִימְנַאזִיסְט, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען דֶער בֶּעסְטֶער שִׁילֶער אִין גִימְנַאזְיוּם. עֶר הָאט גֶעוָואלְט זַיין בַּיים פָּאטֶער נִישְׁט מֶעהְר וִוי אַ וֶוערְקְצֵייג, אַ הַאנְד, צוּ אויסְפִיהְרֶען אוּנ מַאכֶען דָאס וָואס דֶער מַייסְטֶער וִוילל. גֶעלֶעבְּט הָאט עֶר בֶּעשֵׁיידֶען, שְׁטִילל, אוּנ אֲפִילוּ נִיט גֶעזוּכְט בֶּעקַאנְטְשַׁאפְטֶען מִיט פְרַיילַיינְס. אַז עֶר וֶועט גֶעפִינֶען אַ שֶׁאנֶע, אַ אָרֶענְטְלִיכֶע מֵיידֶעל וֶועט עֶר מִיט אִיהְר חֲתוּנָה הָאבֶּען. פַארְדְרֶעהֶען זִיךְ דֶעם קָאפּ מִיט לִיעבֶּעס וִויל עֶר נִיט.

דֶערְזֶעהֶענְדִיג פְּיֶער'ן אִיז עֶר פַארְצִיטְטֶערְט גֶעוָוארֶען פוּן שְׁרֶעק, הָאט אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען דִי אַרְבֵּייט אוּנ צוּגֶעלָאפֶען צוּ אִיהְם.

— דֶעם פָּאטֶער אִיז נִיט עֶרְגֶער?

— נֵיין, נֵיין... עֶר הָאט גֶעלֶעזֶען אִין צֵייטוּנְגֶען דִי גֶעשִׁיכְטֶע וֶועגֶען דֶער נָאל וָואס מֶען הָאט גֶעפוּנֶען אויף גָאדָא-רֶע-מָארוּאַ נַאס אוּנ אִיז אוּמְרוּהִיג, אֶפְשַׁר קוּמְט דִי פָּאלִיצֵיי זוּכֶען.

טָאם הָאט זִיךְ בֶּערוּהִיגְט אוּנ אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבֶּען.

— זָאגְט אִיהְם אַז עֶר מֶאג שְׁלָאפֶען רוּהִיג. עֶרְשְׁטֶענְס הָאבּ אִיךְ נָאךְ אַלְץ נִיט גֶעעֶנְדִיגְט מַיין מָאטָאר אַזוֹי וִוי אִיךְ וִויל; צְוֵוייטֶענְס אִיז דִי מַאשִׁין נָאךְ נִיט צוּגֶעפַּאסְט, אֵיינִיגֶע חֲלָקִים זַיינֶען גֶעבְּלִיעבֶּען בַּיי מִיר אִין דֶער הֵיים. דָא ווַיים אֲפִילוּ קֵיינֶער נִיט גֶענוֹי וָואס אִיךְ אַרְבֵּייט. דִי פָּאלִיצֵיי מֶאג קוּמֶען זוּכֶען, זִי וֶועט גָאר נִיט גֶעפִינֶען. אוּנְזֶער סֶעקְרֶעט אִיז גוּט בֶּעוָוארֶענְט.

פְּיֶער הָאט פַארְשְׁפְּרָאכֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּען דָאס אַלְלֶעס, וָוארְט פִיר וָוארְט, גִילְיָאמֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אויפְהֶערֶען בֶּעאוּנְרוּהִיגֶען זִיךְ. נָאר אַז פְּיֶער הָאט גֶעפְּרוּבְט אויסְפָארְשְׁטֶען טָאם'ֶען: וָואס זָאגְט מֶען דָא אִין פַאבְּרִיק וֶועגֶען דִי נָאל, אוּנ צוּ מֶען אִיז חוֹשֵׁד סַאלְוַואן, אִיז טָאם גֶעוָוארֶען קַארְג אויף דִי וֶוערְטֶער אוּנ גֶעעֶנְטְפֶערְט קוּרְץ, מִיט'ן הַאלְבֶּען מוֹיל.

— דִי פָּאלִיצֵיי אִיז דָא נִיט גֶעוֶוען?

— נֵיין.

— אָבֶּער דִי אַרְבֵּייטֶער הָאבֶּען דֶערְמָאנְט סַאלְוַואס נָאמֶען?

— נוּ, גֶעווִיס, אַלְלֶע ווֵייסֶען אַז עֶר אִיז אַ אַנַארְכִיסְט.

— אוּנ וָואס הָאט גֶעזָאגְט דֶער פְּרִינְצִיפַּאל אַלֵיין, ה' גְרַאנְדִידְיֶע, קוּמֶענְדִיג צוּרִיק פוּן סְלֵייעדָאוַואטֶעל?

טאם ווייס ניט וואס צו ענטפערן , ער האט נאה ניט געזעהן דעם פּרינציפּאל

— אט איז ער פּונקט דא . . . נעבאך ! היינט אין דער פריה האט זיין פרוי ווייטער בעקומען די פאלענדיגע קראנקהייט .

דאס איז געווען זעהר א טרויעריגע געשיכטע . פיער האט עס געהערט פון גיליאמען . גראנדידיע האט זיך פערליעבט אונ חתונה געהאט מיט א זעלטענער שאנהייט . זי איז אבער שוין צייט פינף יאהר אראפּ פון זינען נאך א קינפּעט . פון גרויס עגמת נפש וואס דאס קינד איז געשטארבען ; דער מאנן האט זי ניט געוואלט אריינגעבען אין א דול-הויז אונ ער וואהנט מיט איהר אין א בעזונדער אפּיציגע , וואס די פענסטער צום הויף זיינען שטאנדיג פארשטעלט . זי ווייס זיך קיינמאל ניט דרויסען אונ דער מאנן רעדט קיינמאל ניט וועגען איהר . מען זאגט אז זי איז שטילל ווי א קינד , טרויעריג שטארק פארמרה-שחורה'ט , אבער אלץ נאך זעלטען שאן . צום משוגעת האט זי נאך בעקומען די פאלענדיגע קראנקהייט . בשעת דער קאנוואולסיע מוז דער מאנן זיך ראנגלען מיט איהר , צוהאלטען , זי זאל ניט צושלאגען דעם קאפּ . פון דער אפּיציגע הערט מען דאמאלס שרעקליכע געשרייען , נאכדעם ווערט ווידער שטילל ווי אין א קבר .

גראנדידיע איז אריינגעקומען אין צימער וואו טאם האט געארבייט . ער איז געווען א שאנער מאנספּערזאן פון א יאהר פערציג , מיט א ענערגישען געזיכט , גרויסע טונקעלברוינע וואנסען אונ ליבטיגע אויגען . ער האט זעהר ליעב געהאט טאמען , פארגרינגערט איהם אויסלערנען די מלאכה , ערלויבט איהם צו קומען אין פאבריק ווען ער בעדארף אונ טהון דארט וואס ער וויל , מיט איין ווארט : ער איז זיך בעגאנגען מיט איהם ווי מיט א איינען קינד .

טאם האט איהם בעקאנט געמאכט מיט'ן גייסטליכען .

— מיין פעטער , הערר גייסטליכער פיער פראמאן ; געקומען געוואהר ווערען צו מיר .

זיי האבען זיך געדריקט די האנד .

גראנדידיע , וואס אויף זיין געזיכט איז שטענדיג געלעגען א זארג אונ דערפאר האט ער געהאט א נאמען פאר א שטרענגען אונ הארטען מענשען , האט זיך יעצט אנגעטהון א כח אונ געוואלט ווייזען אז ער קאן אויך זיין פרעהליך אונ ביידעווידי

— הארט , טאם , איך האב אייך נאך ניט ערצאהלט פון מיין בעזוך ביים סליעדאוואטעל . גוט וואס מ'ן האלט מיך פאר א ארענטליכען מענשען . ווען ניט וואלט שוין דא געווען די גאנצע פּאליציי . ער פרעגט מיך , איך זאל איהם ערקלערען , ווי אזוי קומט אויף גאדא-דע-מארוא גאס א נאל מיט מיין שטעמפּעל . פון דער שאלה האב איך פארשטאנגען , אז ער איז חושד זיינ'ס פון מיינע ארבייטער . מיר איז באלד ארויף אויף די געדאנקען סאלווא , ... איך ווילל

קײנעם ניט מַכּרן. איך האָב נאָר געזאָגט, אַז סאַלוואַ האָט טאַקי בײַ מיר געאַרבעט דרײַ חדשים, דאָס איז אָבער געװען תּחילת װינטער אונ צײַט דאַמאָלס איז ער ערגעץ פאַרשװוּנדען געװאָרען. לאָזען זײ איהם זוכען!... נו, איז דאָס אַ סלעדאַװאַטעל! אַ קלײניטשקער, אַ בלאָנדער הערר, זעהר אַ װעלטליכער, אַ עלעגאַנט, מיט קעצענע אויגען... ער איז גאָר גליקליך װאָס גאָט האָט איהם צוגעשיקט אַזאַ דיעלאָ.

— איז דאָס ניט אַמאָדיאַ? — האָט פיער געפרעגט.

— ער איז דאָס טאַקי! מען דערקענט אין איהם װי צופריעדען ער איז פון דער מתּנה װאָס די רוצחים אַנאַרכיסטען האָבען איהם געשענקט דורך דער באָמבע.

פיער האָט מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ אויסגעהערט זײַנע רייד. דאָס האָט דאָך טאַקי דער ברודער מורא געהאַט: סוף כּל סוף האָט מען געפונען אַ ריכטיגען שליאַד, אַ פאָדעם װאָס װעט װײַזען דעם ריכטיגען װעג...

ער האָט שאַרף בעטראַכט טאָמ׳ן אונ געװאָלט װיסען װאָס פאַר אַ נ׳אײַנדרוק מאַכט אויף איהם גראַנדידיעס װערטער. דער יונגער מענש איז אָבער געשטאַנען גאַנץ רוהיג אונ אויסגעהערט מיט אַ שמײכעל די אָפּשילדערונג פון סלעדאַװאַטעל — אַלזאָ ענטװעדער ער װײס טאַקי באמת ניט די שײַכות פון סאַלוואַ צו זײַן פאָטער, אָדער ער װײס זעהר גוט אונ בעהערשט זיך, ניט אַרויסצוװײַזען זײַן אומרוהיגקייט.

גראַנדידיע האָט גענומען גוט בעטראַכטען דעם טהייל פון דער מאַשינע װאָס טאָם מאַכט אונ האָט זיך מיט איהם שטאַרק צורעדט װעגען דעם, דערװײַל איז פיער צוגעגאַנגען צו דער אָפּענער טהיר װאָס פיהרט אין אַ לאַנגער גרויסער מײַסטער־שטוב: דאָרט האָבען געהידעט װאַרשטאַטען, געהילכט מאַשינען, די מעשענע קאָראַמיסלעס האָבען געקלאַפּט אונ די רימענס פון די טראַנסמיסיעס האָבען זיך געדרעהט אָהן אויפהער. אַ גאַנצע מחנה אַרבײַטער, שװאַרץ פון סאַזשע אונ בעגאָסען מיט שװײס, האָבען נאָך פלײַסיג געאַרבײַט, אָבער דאָס איז שוין געװען דער סוף פון טאָג. באַלד האָט די אַרבײַט בעדאַרפט אויפהערען. דרײַ אַרבײַטער זײַנען צוגעגאַנגען צום קראַן װאַשען די האַנד אונ דער גײַסטליכער האָט געהערט זײער גאַנצען געשפּראַך.

איהם האָט בעזאָנדערס אינטערעסירט װען אײנער פון זײ, אַ הויכער יונג מיט געלע האָר, האָט גערופען דעם צװײטען בײַם נאָמען טוסען אונ דעם יונגען אַרבײַטער — שאַרל. אַלזאָ דאָס איז דער פאָטער מיט׳ן זוהן. טוסען איז אַ ליבּיגער מענש מיט ברײטע פלײצעס, אויף די האַנד פול גראָבע אָדערן. פון דער װײַטענס זעהט ער אויס יינגער װי פופציג יאָהר, אָבער אַז מען בעטראַכט איהם פון דער נאָהענט זעהט מען װי זײַן קײלעכדיג פּנים איז שוין צוקאַרטשעט, צוקנײטשט, אונ װי ער זײַן גאַנצען איז שוין אויסגעהאָרעװעט דורך די שװערע אַרבײַט. די רעכטע האַנד איז איהם שװערער צו בעװעגען װי די לינקע, װײַל זי

אִיז גֶעוֶוען אַבִּיסֶעל פַּאראַלִיזִירְט. שַׁארְל, אַ אויסגֶעגָאסֶען פָּארְטְרֶעט פוּן פָּאטֶער, אויך מִיט אַזַא קַיילֶעכְדִיג גֶעזִיכְט אוּנ גֶעדִיכְטֶע שְׁוַוארְצֶע וָואנְסֶען, אִיז יֶעצְט בַּיים גַאנְצֶען כֹּחַ פוּן אַ זֶעקְס־אוּנ־צְוַואנְצִיג יֶאהְרִיגֶען מֶענְשֶׁען, מִיט גֶעזוּנְטֶע מוּסְקֶעלְן וָואס זַיינֶען בּוּלֶט פוּן אוּנְטֶער דִי וַוייסֶע הויט.

אַלֶע דְרַיי הָאבֶּען גֶערֶעדְט וֶוענֶען דֶער בָּאמְבֶּע אִין דִיוִויליַארְס פַּאלַאץ, וֶוענֶען דִי נָאל וָואס מֶען הָאט גֶעפוּנֶען אוּנ וֶוענֶען סַאלְוַוא'ן, וֶועלְכֶען אַלֶע הָאבֶּען אָנְגֶעהויבֶּען יֶעצְט חוֹשֵׁד זַיין

— נָאר עֶר, דֶער רוֹצֵחַ, אִיז פֶאהִיג צוּ טְהוּן אַזַא זַאךְ — הָאט גֶעזָאגְט טוּסֶען — אִיךְ הָאבּ אַלֶע אַנַארְכִיסְטֶען פַיינְט אוּנ עֶנְטְלויף פַאר זַיי וָואס וַוייטֶער, אָבֶּער אַ מִצְוָה אויף דִי מְיוּחָסִים, זַיי זַיינֶען אַלֵיין שׁוּלְדִיג אִין דֶעם.

אִין זַיינֶע גְלַייכְגִילְטִיגֶע בַּייד הָ : מֶען גֶעשְׁפִּירְט אַ בִּיטְטֶערְקַייט, אַ אָפְּקְלַאנְג פוּן פַארְאַלְטֶערְטֶע אָרֶעמְקַייט אוּנ נוֹיט. וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס אִיז עֶר גֶעוֶוען אִין כַּעַס אויף דֶער וֶועלְט, פַאר וָואס אַ נְ'אַלְטֶער אויסְגֶעהָארֶעוֶועטֶער מֶענְשׁ וִוי עֶר מוּז נָאךְ אַזוֹי שְׁוֶוער אוּנ בִּיטְטֶער אַרְבֵּייטֶען, אוּנ קֶען נִיט אויסְרוּהֶען אויף דֶער אֶלְטֶער.

— אוּנ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נִיט אֵיין מָאל גֶעהֶערְט וִוי דִי אַנַארְכִיסְטֶען טֶעֶנֶהן — הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען שַׁארְל — אוּנ דֶעם אֱמֶת זָאגֶענְדִיג, מַאנְכֶעס מָאל רֵיידֶען זַיי גַאנְץ שֵׂכֶלְדִיג. אָט לְמָשָׁל דוּ, פָּאטֶער — שׁוֹין מֶעהר וִוי דְרַייסִיג יָאהר בֵּייגְסְט דוּ דֶעם קַארְק אוּנ וָואס וַוארְט אויף דִיר אויף דֶער אֶלְטֶער? לָאז חָלִילָה קוּמֶען דִי מִינְדֶסְטֶע קְרַאנְקְהַייט בֶּעדַארְפְסְט דוּ אויסְגֶעהְן וִוי אַ אַלְטֶע קְלַיאטְשֶׁע. נִיט וִוילֶענְדִיג טְרַאכְט אִיךְ אַמָאל וֶוענֶען מִיר אַלֵיין אוֹיךְ אוּנ ס'וֶוערְט פַּאסְקוּדְנֶע אויפְ'ן הַארְצֶען דֶערְמָאנֶענְדִיג זִיךְ אַז אויף מִיר וַוארְט אויךְ אַזַא סוֹף... הָאל דֶער טַייוֶועל! מַאנְכֶעס מָאל וֶוערְט פְּרָאסְט נִמְאָס דָאס לֶעבֶּען.

דָאךְ וֶוען דֶער הוּיכֶער, גֶעלֶער אַרְבֵּייטֶער הָאט גֶעזָאגְט, אַז אוּיבּ סַאלְוַוא הָאט גֶעטְהוּן דִי רְצִיחָה אִיז עֶר וֶוערְט צוּ אָפְּהַאקֶען דֶעם קָאפּ גָאר אָהן רַחֲמָנוּת, הָאט טוּסֶען בַּאלְד מַסְכִּים גֶעוֶוען.

— יָא, יָא, הֲגַם עֶר הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט מַיין שְׁוֶועסְטֶער, זָאג אִיךְ מִיךְ אָפּ פוּן אִיהם... אוּנ דָאךְ וואוּנְדֶערְט מִיךְ שְׁטַארְק אויף אִיהם. עֶר אִיז נִיט קֵיין שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשֶׁען אוּנ טְשֶׁעפֶּעט נִיט אֲפִילוּ אַ פְלִיג אויפְ'ן וַואנְד.

— וָואס זָאל מֶען טְהוּן? — הָאט שַׁארְל בֶּעמֶערְקְט — אַז מֶען פִיהְרְט אַרוֹיס פוּן גֶעדוּלְד וֶוערְט מֶען נִישְׁט וִוילֶענְדִיג וִוילְד אוּנ שְׁלֶעכְט.

אַלֶע דְרַיי הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעזֶעגֶנְט. טוּסֶען הָאט דֶערְזֶעהן פוּן וַוייטֶענְס דֶעם פְּרִינְצִיפַּאל אוּנ אִיז שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען, בֶּעמֶזֶען בַּיי אִיהם פֶּענְסְיֶע פָּארְאוֹיס. גְרַאנְדִידְיֶע הָאט פְרַיינְדְלִיךְ גֶעדְרִיקְט פְּרֶעְרם הַאנְד אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען אַנְטְקֶעגֶען דֶעם אַלְטֶען אַרְבֵּייטֶער, וֶועלְכֶען עֶר הָאט זֶעהר גֶעשָׁאצְט. הָארֶענְדִיג זַיין בַּקָשָׁה הָאט עֶר גֶערְן בַּאלְד אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַפָּאר וֶוערְטֶער אויף אַ וִויזִיט־קַארְטֶע, דֶער אַרְבֵּייטֶער זָאל מִיט דֶעם גֵיעהְן צוּ דֶער קַאסְסֶע. נָאר בִּכְלַל הָאט עֶר פַיינְד גֶעהַאט

גֶעבֶּען פֶּענְסְיֶע פָּארְאוֹיס, אוּנ דַארוּם הָאבֶּען דִי אַרְבֵּייטֶער אִיהם נִיט לִיעבּ גֶעהַאט אוּנ גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶען, אָבְּוָואהל אִין אֶמֶת אִיז עֶר גֶעוֶועהן אַ דִימֶענְטֶענֶער מֶענְשׁ מִיט אַ וַוייךְ הַארְץ. דָאס גֶעשֶׁעפְט הָאט עֶר אָבֶּער גֶעוָואלְט פִיהְרֶען שְׁטְרֶענְג.

פַארְ'ן אַוֶועקְגֶעהן הָאט פֶּ יֶ ע ר אַמָאל אָפְּגֶערֶעדֶעט מִיט טָאמ'ן וֶועגֶען דֶער תְּשׁוּבָה וָואס עֶר זָאל אִיבֶּערְגֶעבֶּען דֶעם בְּרוּדֶער. דעֶרְזֶעהֶענְדִיג גְרַאנְדִידְיֶען וִוי עֶר גֶעהט אַוֶועק פוּן פַאבְּרִיק אִין דֶער אָפִּיצִינֶע וואוּ דִי מְשׁוּגָעִנֶע פְּרוֹי זִיצְט, הָאט פְּ יֶ ע רְ'ן שְׁרֶעקְלִיךְ אָנְגֶענוּמֶען בַּיים הַארְצֶען אוּנ עֶר הָאט גֶעפִיהְלְט גְרוֹיס מִיטְלֵייד מִיט דֶעם מֶענְשֶׁען.

וָואס פַאר אַ פֶּערְבָּארְגֶענֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע וואוּנְד אִיז אִין גְרַאנְדִידְיֶעס לֶעבֶּען! עֶר אַרְבֵּייט, עֶר רוּהְט נִיט דֶעם גַאנְצֶען טָאג, עֶר בְּרֶעכְט דֶעם מוֹחַ אוּנ שְׁטְרֶענְגְט אָן אַלֶע כּחוֹת אַז זַיין פַארְמֶעגֶען זָאל נִיט פַארְשְׁווִינְדֶען אוּנ זַיין פִירְמַא זָאל הָאבֶּען אַ קִיוּם, אוּנ לְסוֹף, אוֹיף דֶער נַאכְט, אַנְשְׁטָאט צוּ אָפְּרוּהֶען זִיךְ, אַנְשְׁטָאט צוּ הָאבֶּען נַחַת אִין דֶער הֵיים, גֶעפִינְט עֶר דָארְט אַ מְשׁוּגָעְנֶע, אַ אִידְיָאטְקֶע! אוּנ אֲפִילוּ אִין דִי טֶאג וָואס עֶס אִיז פוּן גֶעשֶׁעפְט צוּפְרִיעדֶען, קוּמֶענְדִיג אַהֵיים גֶעפִינְט עֶר אַלֶץ דִי אַלְטֶע צָרוֹת, עֶס עֶפְּפֶענְט זִיךְ ווִיעדֶער דִי אַלְטֶע רַאנֶע וָואס וֶועט קֵיינְמָאל, אַ גַאנְץ לֶעבֶּען נִיט פַארְהֵיילְט וֶוערֶען! אִיז דָא אַ מֶענְשׁ וָואס זָאל זַיין מֶעהר אוּמְגְלִיקְלִיךְ פוּן אִיהם, מֶעהר וֶוערְטְה רַחֲמָנוּת ווִי עֶר, אֲפִילוּ צְווִישֶׁען אָרִימֶע לַייט וָואס שְׁטַארְבֶּען פוּן הוּנְגֶער, צְווִישֶׁען דִי קְלֶענְסְטֶע אָרִימְסְטֶע אַרְבֵּייטֶער, וָואס זַיינֶען אִיהם מְקַנֵא אוּנ הָאבֶּען אִיהם פֵיינְד?

אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג אוֹיפְ'ן גַאס הָאט פְּ יֶ ע ר מִיט ווֹאוּנְדֶער וַוייטֶער גֶעזֶעהן שְׁטֶעהן דִי צְוֵויי פְרוֹיֶען: טוּסֶענְס וַוייבּ אוּנ מַאדַאם טֶעאָדָאר מִיט דֶער קְלֵיינֶער סֶעלִינַא. זֵיי שְׁטֶעהֶען אִין דֶער בְּלָאטֶע, צְווִישֶׁען דֶעם עוֹלָם וָאס לוֹיפְט אִין גַאס, אוּנ רִיהְרֶען זִיךְ נִיט פוּן אָרְט אוּנ פְּלוֹידֶערְן אוֹיף וָואס דִי וֶועלְט שְׁטֶעהט. אֲפִילוּ וֶוען טוּסֶען מִיט שַׁארְל'ן זַיינֶען אַרוֹיס פוּן פַאבְּרִיק צוּפְרִיעדֶען מִיט דֶער בֶּעקוּמֶענֶער פֶּנְסְיֶע, זַיינֶען זֵיי נָאךְ אַלֶץ גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיפְ'ן פָארִיגֶען אָרְט. טוּסֶען הָאט עֶרְצֶעהלְט דֶער מַאדַאם טֶעאָדָאר דִי גֶעשִׁיכְטֶע מִיט דֶער נָאל אוּנ וִוי אַלֶע קָאלֶעגֶעס זַיינֶען חוֹשֵׁד סַאלְוַואַ'ן. זִי אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ בְּלַאסס גֶעוָוארֶען, אָבֶּער קֵיינֶער וָואלְט נִיט גֶעקָאנְט טְרֶעפְפֶען דָאס וָואס זִי ווֵייס אוּנ וָואס זִי טְרַאכְט בַּיי זִיךְ טִיעף אִין הַארְצֶען.

— אִיךְ זָאג דָאךְ אַייךְ, מֶעהר הָאבּ אִיךְ אִיהם נִיט גֶעזֶעהן פַאר דִי אוֹיגֶען, עֶר אִיז גֶעוִויס עֶרְגֶעץ אִין בֶּעלְגְיֶען. נַאט אַייךְ אַ נְ'אֵיינְפַאלל — אַ בְּאמְבֶּע! אִיהר אַלֵיין זָאגְט דָאךְ אַז עֶר אִיז אַ גוּטֶער מֶענְשׁ וָואס אֲפִילוּ אַ פְלִיעג וֶועט עֶר קֵיין רָעָה נִיט טְהוּן!

פְּ יֶ ע ר אִיז גֶעפָאהרֶען מִיט'ן טְרַאמְוַויי אַהֵיים אִין נֵיילִי. דָארְט הָאט עֶר גֶעבֶּען בְּרוּדֶערְס בֶּעט גֶעפוּנֶען דֶעם אַלְטֶען גֶעלֶערְנְטֶען בֶּ ע רְ טֶ ע ר וּ א, וָואס הָאט

עֶרְשְׁט די מִינוּט אַרוּמְגֶעבּוּנְדֶען גִילְיָאמְס רַאנֶע

ווי ס'שַׁיינְט הָאט דֶער אַלְטֶער מַאנְן נָאךְ אַלְץ מוֹרָא גֶעהַאט, די רַאנֶע זָאל נִיט עֶרְגֶער וֶוערֶען.

— אִיהר רֶעגְט זִיךְ צוּפִיעל אוֹיף; שְׁטֶאנְדִיג טְרֶעף אִיךְ אַייךְ אַ צוּרוּדֶערְטֶען, אַ צוּהִיצְטֶען, אִין פִיעבֶּער. אִיהר בְּרוֹיכְט זִיךְ אָפְּהִיטֶען, טְהַייֶערִינְקֶער; נִיט בֶּעאוּנְרוּהִיגֶען זִיךְ. וַוארְפְט אַלְץ אַוֶועק צוּם טַייוֶועל!

עֶטְלִיכֶע מִינוּט שְׁפֶּעטֶער, בַּיים אַוֶועקְגֶעהְן, הָאט עֶר גֶעזָאגְט מִיט זַיין גוּטֶען שְׁמֵייכֶעל:

— אִיהר וַוייסְט, צוּ מִיר אִיז גֶעקוּמֶען אַ רֶעפָּארְטֶער פוּן אַ צַייטוּנְג, אוֹיס־פְרַאגֶען מִיךְ אוּנ הֶערֶען מַיין מֵיינוּנְג וֶועגֶען דֶער בָּאמְבֶּע. מָאדְנֶע מֶענְשֶׁען זַיינֶען דִי גַאזֶעטְנִיקֶעס — זֵיי מֵיינֶען אַז מִיר וַוייסֶען אַלְסדִינְג! דֶעם דָאזִיגֶען הֶערְרְן הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט אַז אִיךְ בֶּעט אִיהם, אֶפְשַׁר קֶען עֶר מִיר זָאגֶען מַאנְכֶע יְדִיעוֹת וֶועגֶען דִי פוּלְוֶוער פוּן דֶער בָּאמְבֶּע... יָא, גוּט וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערמַאנְט: מָארְגֶען הַאלְט אִיךְ אִין מַיין לַאבָּאַראטָארְיוּם אַ לֶעקְצְיֶע וֶועגֶען מַאטֶערְיַאלֶען וָואס צוּזֶעטְצֶען. קוּמְט אִיהר אוֹיךְ, הֶערְר פְּיֶער. אִיהר וֶועט נָאכְדֶעם אַלְץ אִיבֶּער־גֶעבֶּען גִילְיָאמֶען, דָאס וֶועט אִיהם אִינְטֶערֶעסִירֶען.

פְּיֶער הָאט בֶּעמֶערְקְט וִוי גִילְיָאם קוּקְט אוֹיף אִיהם מִיט אַ גֶעבֶּעט, אִיז עֶר מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען גֶעהְן הֶערֶען דִי לֶעקְצְיֶע. נָאכְדֶעם, וֶוען זֵיי זַיינֶען גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין אִין צִימְמֶער אוּנ עֶר הָאט גֶענוּמֶען עֶרְצֶעהלֶען דֶעם בְּרוּדֶער אַז אַלְלֶע זַיינֶען חוֹשֵׁד סַאלְוַואן אוּנ דֶער סְלְיֶעדָאוואַטֶעל הָאט גֶעפוּנֶען אַ רִיכְטִיגֶען שְׁלְיַאד, אִיז גִילְיָאם וִויעדֶער זֶעהר אוֹיפְגֶערֶעגְט גֶעוָוארֶען אוּנ בֶּעקוּמְמֶען שְׁטַארְקֶע הִיטְץ. עֶר הָאט פַארְשְׁטֶעקְט דֶעם קָאפּ אִין קִישֶׁען, צוּגֶעמַאכְט דִי אוֹיגֶען אוּנ גֶערֶעדֶעט וִוי אִין פִיבֶּער אֵיינְצִיגֶע אָבְּגֶערִיסֶענֶע וֶוארְטֶער:

— אָה, יֶעצְט אַ סוֹף... סַאלְוַוא אַרֶעסטִירְט... מֶען פַארְשְׁט אִיהם... פַארְלָארֶען!... אַזוֹי פִיעל מִיה, אַזוֹי פִיעל הָאפְנוּנְגֶען... אַ הֶל פוּן אַלְסְדִינְג!..

---

## IV.

צוּ דֶער גֶעהֶערִיגֶער צַייט אִיז שׁוֹין פְּ יֶ ע ר גֶעוֶוען אוֹיף „אוּלְם” נַאס, וואוּ בֶּ ע רְ טֶ ע ר וּ אַ הָאט גֶעוואהְנְט אִין אַ גְרוֹיס הוֹיז, וֶועלְכֶען דִי רֶעגִירוּנְג הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען, עֶר זָאל דָארְט קֶענֶען מַאכֶען אַ גְרוֹיסֶען לַאבָּאראַטָארְיוּם צוּ דֶער אַרְבֵּייט. דֶער גַאנְצֶער צְוֵוייטֶער שְׁטָאק אִיז גֶעוֶוען אֵיין זַאל. דָארְט אַהִין פְלֶעגְט דֶער בֶּערִיהמְטֶער חִימִיקֶער מַאנְכֶעס מָאל צוּזַאמְמֶענְרוּפֶען תַּלְמִידִים אוּנ בֶּעקַאנְטֶע אוּנ זֵיי פָארְלֶעזֶען לֶעקְצְיֶעס, עֶרְצֶעהלְט זֵיי פוּן זַיינֶע נַייֶע עֶרְפִינְדוּנְגֶען אוּנ עֶרְקְלֶערְט דִי נַייֶע דְרָכִים אִין דֶער חֶעמִיע. דַאמָאלְס פְלֶעגְט מֶען אוֹיסְשְׁמִיעלְלֶען אִין זַאל שׁוּרוֹת

שטוהלען פאר אַ לאַנגען מאַססיוונעם טיש, אויף וועלכען ס'איז געווען אָנגעשטעלט פול־קלאַיקעס אונ אַפּפאַראַטען. הינטען איז געווען אַ אויוון אונ אַרום די ווענט שראַנק אָנגעשטעלט מיט גלאַזוואַרק אונ פערשיעדענע מוסטערן.

אויף די שטוהלען זיינען שוין יעצט געזעססען אַסך מענשען – דאס רוב פון די בערטעראַס חברים. אויך איינינע יונגע לייט, דאַמען אונ צייטונגס־שרייבער. די גאַנצע געזעללשאַפט איז געווען היימיש, אַללע האָבען זיך געגריסט מיט'ן בעל־הבית אונ געשמועסט מיט איהם, ווי גאַסט ביי אַ גוטען־פריינד.

בערטעראַ האַט בעמערקט פּיער'ן אונ איז תּיכף צוגעגאַנגען צו איהם, געדריקט די האַנד אונ איהם אַוועקגעזעצט ביים טיש, נעבען פראַנסואַ פראַמאַן, וועלכער איז געווען איינער פון די ערשטע אין זאַל. דער יונגער מענש האַט געענדיגט דאַמאַלס דעם דריטטען קורס פון דער שולע וואס איז געווען ניט ווייט פון דאַנען; איז אַלזאָ געווען אַ נאָהענטער שכן מיט זיין רבי'ן, וועלכען ער האַט כּמעט פאַרגאַטטערט פאַר זיין גרויס חכמה אונ לויטערן שכל.

פּיער האַט זיך זעהר געפרייט מיט דער בעגעגנונג, ווייל פראַנסואַ מיט זיינע לעבעדיגע אויגען אונ אינטעליגענטען געזיכט איז איהם זעהר געפעללען נאָך זינט ער איז געגאַנגען צו גיליאַמס פאַמיליע אין מאָנמאַרטר. דער פּלעמעניק פון זיין זייט האַט זיך אויך שטאַרק געפרייט מיט'ן פעטער: דערווייל וועט ער איהם קאָננען אויספרעגען וואס דער פאַטער מאַכט.

די לעקציע האַט אָנגעהויבען. בערטעראַ האַט גערעדט איינפאַך, אָהן גליצות, אָהן איבער־המצאות. צום ערשטען האַט ער אויסגערעכענט אַללע נייע מאַטעריאַלען צום אויסשיסען, וועלכע ער האַט ערפונדען. לאַבענדיג האַט ער ערצעהלט, אַז מאַנכעס מאָל פאַרעט ער זיך מיט אַזאַלכע מיני פולווער וואס קענען איבערקעהרען גאַנצע גאַססען. דער עולם זאָל זיך אָבער ניט שרעקען – ער איז זעהר פאָרזיכטיג. קיין ביין וועט חלילה ניט געשעהן.

נאָכדעם האַט ער אָנגעהויבען רעדען וועגען דער באָמבע אויף גאַראַ־דע־מאַרואַ גאַס, וואס האַט אויפגערודערט גאַנץ פאַריז אין דער לעצטער צייט. די מומחים (געניטטע) האָבען גוט בעטראַכט די רעשטליך; איין שטיקעל האַט מען צו איהם אויך געבראַכט, ער זאָל זאָגען זיין מיינונג. ווי עס ווייזט אויס איז די באָמבע געמאַכט געוואָרען פאַרטאַטשקע אונ האַט זיך אָנגעצונדען מיט אַ פּראָסטען קנויט. גאָר צו בעוואונדערן איז דער שרעקליכער כּח פון דעם אינוועניגסטען פּאַטראָן, וועלכער האַט אָנגעמאַכט אַזאַ חרבן, אַזאַ צושטאָרונג, חאָטש ער איז געווען זעהר קליין, גאָר אַ פּיצעלעם. וואס וואָלט שוין געווען ווען דער פּאַטראָן זאָל זיין צעהן מאָל גראָססער? דאַמאָלס וואָלט ער געקענט אויסרייסען גאַנץ פאַריז. וועלכער פולווער איז אינוועניג געווען איז אויך אַ רעטעניש, אונ ס'איז שווער צו זאָגען אַ קלאָרע תשובה. פון די דריי מומחים האַט איינער געזאָגט זיין מיינונג אַז דאס איז געווען פּראָסט דינאַמיט; די אַנדערע צוויי זאָגען אַז ס'איז

עֶפֶּעס אַ גֶעמִישֶׁעכְץ פוּן עֶטְלִיכֶע מִינִי פּוּלְוֶוער. עֶר, בֶּערְטֶערוּאַ, הָאט נָאר נִיט גֶעוואָלְט זָאגֶען זַיין מֵיינוּנְג, ווייל אוֹיף דִי רֶעשְׁטְלִיךְ בְּאמְבֶּע וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהן אִיז קוים קֶאנְטִיג גֶעוֶוען דֶער פּוּלְוֶוער אוּנ עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט עֶרְקֶענְנֶען וָואס אִיז דָאס פַאר אַ מִין מַזִיק. דָאךְ אִיז עֶר זִיכֶער אִיבֶּערְצַייגְט, אַז דָא אִיז עֶפֶּעס אַ נַייעֶר סָארְט פּוּלְוֶוער, וָואס הָאט אַ כֹּחַ צוּ צוּרַייסֶען אוּנ אוּיסְזֶעצֶען מֶעהר פוּן אַלְלֶע סָארְטֶען פּוּלְוֶוער וָואס מֶען הָאט בִּיז הַיינְט עֶרפוּנְדֶען. גֶעווִיס הָאט דָאס עֶרְפוּנְדֶען אַ בֶּעהַאלְטֶענֶער חָכָם, אָדֶער אַזוי אַ אוּמְשׁוּלְדִיגֶער עֶרְפִינְדֶער הָאט עַנְטְדֶעקְט אוּמְגֶערֶעכְט אַ גְרוֹיס סֶעקְרֶעט אִין דֶער חֶעמִיע.

דֶער סוֹף פוּן דְרָשָׁה אִיז גֶעוֶוען זֶעהְר פַיין. דֶער גֶעלֶעהְרְטֶער הָאט אוֹיסְגֶעווִיזֶען, אַז בִּיז הַיינְט הָאט מֶען נָאר אָנְגֶעטְהוּן חֶרְפָּה אוּנ בּוּשָׁה דִי שִׁיס-מַאטֶערְיַאלֶען, ווייל מֶען גֶעבְּרוֹיכְט זֵיי צוּ הֲרִיגוֹת, נְקָמָה, נַארִישֶׁע פְלֶאנֶער, חֶעהְרֶערְנְד אִין אֱמֶת'ן קָאן זַיין, אַז אִין דִי מַאטֶערְיַאלֶען לִיעגְט בֶּעהַאלְטֶען אַ גְרוֹיסֶע קְרַאפְט וֶועלְכֶע דִי ווִיסֶענְשַׁאפְט זוּכְט שׁוֹין לַאנְג, אַ קְרַאפְט וָואס קֶען אוּמְדְרֶעהֶען אוּנ אִיבֶּערְמַאכֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט, קוים וֶועט מֶען נוּר ווִיסֶען ווִי זִיךְ בֶּעגֶעהן מִיט זֵיי אוּנ מַאכֶען פַאר אַ גוּטֶע כֵּלִי, אַ וֶוערְקְצַייג אִין מֶענְשֶׁענְס הַאנְד.

דִי רֶעדֶע הָאט גֶעדויֶערְט מֶעהְר ווִי אַ שָׁעָה. דֶער יוּנְגֶער פְּרַאנְסוּאַ הָאט גֶעשְׁלוּנְגֶען יֶעדֶעס וָוארְט פוּן דֶעם לֶעהְרֶער; פִּיֶער אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען שְׁטַארְק פַארְאִינְטֶערֶעסִירְט מִיט דֶער לֶעקְצְיֶע אוּנ אִיהְם אִיז בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה אַרוֹיף אוֹיף דִי גֶעדַאנְקֶען, אַז נִיט אוּמְזִאנְסְט שְׁרֶעקְט זִיךְ אַזוי גִילְיָאם, זַיין סוֹד זָאל נִיט אַרַיינְפַאלְלֶען דֶעם סְלֶיֶעדְזאוַואטֶעל אִין דִי הֶאנְד...

וֶוען דִי לֶעקְצְיֶע הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט אוּנ פִּיֶער אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּזאַמֶמֶען מִיט פְּרַאנְסוּאַ גֶעזֶעגְנֶען זִיךְ מִיט'ן גֶעלֶעהְרְטֶען, הָאט פִּיֶער גֶעזָאגְט מִיט אַ כַּוָּנָה:

— גִילְיָאמֶען וֶועט זֶעהְר לֵייד טְהוּן וָואס עֶר הָאט נִיט גֶעהֶערְט אַייעֶרֶע שֶׁענֶע אִידֶעען.

דֶער אַלְטֶער לֶעהְרֶער הָאט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעגֶעבֶּען.

— בָּא! עֶרְצֶעהְלְט אִיהְם בְּקִיצוּר דָאס וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט. עֶר וֶועט שׁוֹין פַארְשְׁטֵיין! עֶר ווייס וֶועגֶען דֶעם מֶעהְר פוּן מִיר.

פְּרַאנְסוּאַ אִיז דִי גַאנְצֶע צֵייט גֶעוֶוען שְׁטִילל, נָאר אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג אוֹיפְ'ן גַאס הָאט עֶר זִיךְ עֶרְלוֹיבְּט צוּ בֶּעמֶערְקֶען:

— אַ שָׁאד וָואס אַ מֶענְשׁ מִיט אַזאַ גְרוֹיסֶען שֵׂכֶל, פְרַיי פוּן אַלְלֶע אַיינְגֶערֶעדְטֶע נַארִישְׁקֵייט אוּנ גְרֵייט אָנְצוּנֶעהמֶען יֶעדֶע וַואהְרֶע אִידֶעֶע, אִיז מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען אָנְקְלֶעבֶּען אוֹיף זִיךְ אַ יַארְלִיק אוּנ אַרוּמְגֶעהֶען מִיט טִיטְלֶען אוּנ אַקַאדֶעמְיֶעס! זְוִיפִיעל וָואלְטֶען מִיר אִיהְם נָאךְ מֶעהר לִיעבּ גֶעהַאט וֶוען עֶר נֶעהְמְט וֶוענִיגֶער גֶעלְט פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג אוּנ אִיז נִיט גֶעבּוּנְדֶען הֶאנְד אוּנ פִיס מִיט דִי קֶעטֶענְגֶעס פוּן דִי אָרְדֶערֶען.

— וָואס זָאל מֶען טְהוּן? — הָאט פִּיֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ וַוייכֶען טָאן —

אַ מענטש בעדאַרף לעבען. איך בין אָבער זיכער, אַז דאָס אַללעס שטערט איהם גאָר ניט צו זיין דער זעלבער פיינער מאַנן.

זיי זיינען צוגעקומען ביז דער שולע וואו פראַנסואַ האָט געלערנט. דער גייסטליכער איז געבליבען שטעהן, ווייל האָט געמיינט אַז זיין פלעמעניק וועט געוויס אַריינגעהן אין שולע. יענער אָבער האָט נאָר אויפגעהויבען די אויגען און אַ קוק געטהון אויף דער אַלטער געביידע.

— ניין, היינט איז דאָנערשטאַג. איך בין פריי... אָ, מיר זיינען זוי פרייע פויגעל; נאָך אפשר צופיעל ווי מען בעדאַרף. איבריגענס איך בין גאַנץ צופריעדען פון דעם, איך קען וועניגסטענס זעהר אָפט זיך דורכלויפען אַהיים אויף מאָנמאַרטר און אַרבייטען ביי מיין אַלטען טישעל. ערשט דאָרט פיהל אַך ווי מיר ווערט דער מוח לויטער און קלאָר.

פראַנסואַ האָט בעלעגט עקזאַמען, ער זאָל קענען אַריינטרעטען אָדער אין פאָליטעכניקום אָדער אין דער „נאָרמאַלע שולע", און איהם איז די לעצטע בעססער געפאַללען. דאָרט איז ער אַריין אין דער אָבטהיילונג פון געלעהרטע. דער פאָטער האָט פערלאַנגט ער זאָל לערנען זיין אַ פּראָפעססאָר, כדי נאָכדעם זאָל ער ניט בעדאַרפען אָנקומען צו קיינעם און קענען לעבען פון דעם איינענעם פאַרדיענסט. יעצט האָט פראַנסואַ זיך געגרייט צו בעלעגען דעם לעצטען עקזאַמען; ער האָט שוין געהאַלטען ביים לעצטען קורס. דאָס שטודירען האָט ביי איהם צוגענומען די גאַנצע צייט. זיין איינציגע רוה און פערוויילונג איז געווען געהן צופוס פון שולע אַהיים אויף'ן מאָנמאַרטר און דערצו נאָך שפּאַצירען אָפט אין לוקסאַנבורגער גאָרטען.

דורך זיין רגילות האָט ער יעצט אויך גענומען געהן אין יענעם גאָרטען און פּיער איז רעדענדיג געגאַנגען מיט איהם:

עס איז געווען אַ וואַרימער טאָג. די בלאַססע זוהן האָט געשפּיעלט צווישען די שוואַרצע נאַקיטע ביימער וואָס זיינען נאָך אָהן בלעטטער. דאָס איז געווען איינער פון די ערשטע וואונדערליכע טאָג, ווען עס הויבען אָן אַרויספּיקען די ערשטע גרינע פינטעליך אויף די יונגע ביימליך.

ביידע האָבען געפיהרט אַ שמועס וועגען דער שולע וואו פראַנסואַ לערנט

— איך זאָג אייך אָפען — האָט פּיער זיך אָבגערופען — אַז מיר געפעללט עפּעס ניט דער גייסט פון דער שולע. מען קען ניט זאָגען, לערנט מען דאָרט זעהר גוט: די יונגע לייט וואָס גרייטען זיך זיין שפּעטער פּראָפעססאָרען לערנען גרינדליך אַ מלאכה און שטאָפּען זיך אָן מיט אַלע חכמות. ליידער אָבער, ניט אַללע וואָס ווערען ערצויגען און געבילדעט אויף פּראָפעססאָרען בלייבען טאַקי נאָכדעם פּראָפעססאָרען. פיעל ווערען נאָכדעם צוזייט און צושפּרייט אין פערשיעדענע זייטען, בעשעפטיגען זיך מיט שרייבעריי אין צייטונגען, ווילען זיין

די פִּיהְרֶער פוּן לִיטֶעראַטוּר, קוּנְסְט אָדֶער גֶעזֶעלְלְשַׁאפְט... אָט פוּן די קְלַאסֶע מֶענְשֶׁען אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ אוֹיסְצוּהַאלְטֶען. אִין דֶער יוּגֶענְד זַיינֶען זֵיי גֶעוֶועזֶען וָואלְטֶערִים*) חֲסִידִים, אוּנ נָאכְדֶעם וַוארְפֶען זֵיי זִיךְ פְּלוּצְלִינְג אוֹיף קַבָּלָה, גְלוֹיבְּען אִין רוּחוֹת אוּנ נָאךְ אַזָאלְכֶע זַאכֶען וָואס זַיינֶען הַיינְט אַרַיין אִין דֶער מָאדֶע... צַייט מֶען הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט גְלוֹיבֶּען אִין דֶער רֵיינֶער וִויסֶענְשַׁאפְט, זוּכֶען זֵיי מִיט אַללֶע כֹּחוֹת אָפְּטְרֵייסְלֶען פוּן זִיךְ דִי גֶעלֶעהְרְטַקְייט, אוּנ פַארְשְׁטֶעלְלֶען זִיךְ פַאר גְרָאבְּיַאנֶעם. זֵיי ווילֶען נִיט מֶען זָאל דֶערְקֶענְנֶען אַז זֵיי הָאבֶּען אַמָאל גֶעלֶערְנְט אִין שׁוּלֶע, מְהוּוֶען זִיךְ אָן ווי דִי אֶמֶתֶע פַּארִיזֶער פְּרַאנְטֶען, רֶעדֶען דֶעם פְּרָאסְטֶען פַארִיזֶער זְשַׁארְגָאן אוּנ הָאבֶּען אַפְּנִים ווי גֶעלֶערְנְטֶע בֶּארֶען. פוּן דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט שְׁפֶּאט מֶען אָפּ אוּנ פוּן אָנְשְׁטֶעלל וֶוענֶען סְטַארֶעט מֶען זִיךְ אוֹיסְזֶעהְן ווי אָדָם הָרִאשׁוֹן עֶהְדֶער עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען פוּן עֵץ הַדַעַת – אוּמְשׁוּלְדִיג, רֵיין ווי אַ קִינְד. אֶמֶתֶע קָאמֶעדְיַאנְטֶען!

פְּרַאנְסוּאַ הָאט גֶעשְׁמֵייכֶעלְט.

— דָאס בִּילְד אִיז אַבִּיסֶעל אִיבֶּערְגֶעטְרִיבֶען, אָבֶּער אַ אֱמֶת אִיז דָאס.

— אִיךְ בִּין בֶּעקַאנְט מִיט עֶטְלִיכֶע אַזָאלְכֶע יוּנְגֶע לַייט; אַללֶע הָאבֶּען פַיינְד דִי וִויסֶענְשַׁאפְט פוּן אוּנְזֶער יָאהְרְהוּנְדֶערְט, דִי פְרַייהַייט; זֵיי גְלוֹיבֶּען קֵיינֶער נִיט אִין דֶער צוּקוּנְפְט; אָבֶּער אִין נִסִים, אִין נַארִישְׁקַייטֶען גְלוֹיבֶּען זֵיי יָא.

פְּרַאנְסוּאַ הָאט מִיט וואוּנְדֶער גֶעקוּקְט אוֹיפְ'ן גֵייסְטְלִיכֶען. פְּיֶער הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען אַ בִּיסֶעל אַיינְגֶעהַאלְטֶענֶער, אָבֶּער נָאךְ אַלְץ שַׁארְף קְרִיטִיקִירְט דִי הַיינְטִיגֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע יוּנְגֶע לַייט.

— אִיהְר זַייט אִין טָעוּת — הָאט פְּרַאנְסוּאַ וַוייטֶער גֶעזָאגְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל. נִיט אַללֶע וָואס לֶערְנֶען אִין אוּנְזֶער שׁוּלֶע זַיינֶען אַזוֹי ווי אִיהְר שִׁילְדֶערְט. אִיהְר הָאט גֶעוִויסס דֶערְקֶענְנְט דִי סְטוּדֶענְטֶען פוּן דֶער לִיטֶעראַטוּרְנֶער אָבְּטְהֵיילוּנְג; וֶוען אָבֶּער אִיהְר זָאלְט זִיךְ בֶּעקֶענְנֶען מִיט דִי תַּלְמִידִים פוּן דֶער גֶעלֶעהְרְטֶער אָבְּטְהֵיילוּנְג ווָאלְט אִיהְר אַנְדֶערְשׁ גֶערֶעדְט... אוּנְזֶערֶע חֲבֵרִים פוּן דֶער לִיטֶעראַטִירְנֶער אָבְּטְהֵיילוּנְג זַיינֶען טַאקִי אַרָאפּ פוּן וֶועג. זֵיי גְלוֹיבֶּען נִיט אַז דִי וִויסֶענְשַׁאפְט קֶען בְּרֶענְגֶען הִילְף אוּנ נוּטְצֶען פַאר דֶער וֶועלְט. אִין דֶעם זַיינֶען שׁוּלְדִיג זֵייעֶרֶע לֶעהְרֶער, אוּנ אֲגַב אִיז דָאס הַיינְט אַרַיין אִין דֶער מָאדֶע. אָבֶּער אִין מַיין אָבְּטְהֵיילוּנְג וואוּ אִיךְ לֶערְנֶען, זַיינֶען כִּמְעַט אַללֶע יוּנְגֶע לַייט מִיט אַ לִיכְטִיגֶען פֶּערְשְׁטַאנְד, זֵיי זוּכֶען דֶעם אֱמֶת, לִיעבֶּען אוּנ זַיינֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען מִיט'ן גַאנְצֶען הַארְצֶען דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט.

פְּרַאנְסוּאַ הָאט זִיךְ צוּהִיצְט אוּנ צוּרֶעדְט, אַרוֹיסְגֶעגָאסֶען זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען גֶעהֶענְדִיג מִיט'ן פֶעטֶער אִיבֶּער דִי סְטֶעזְשְׁקֶעס פוּן גָארְטֶען.

*) אַ בֶּערִיהְמְטֶער פְרַאנְצֶעזִישֶׁער שְׁרַייבֶּער, אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע פְרֵייַדֶענְקֶער אִין זַיין צַייט.

פְלוּצְלִינְג הָאט עֶר גֶעמוּזְט אִיבֶּערְרַייסֶען זַיין גֶעשְׁפְּרֶאךְ . עֶנְטְקֶעגֶען זַיי אִיז נְגֶעקוּמֶען אַ יוּנְגֶער מַאנן מִיט בְּלָאנְדֶע הָאר אוּנ אִיז שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיעבֶּען , צוּ יסֶען זִיךְ מִיט פְרַאנְסוּאַ . פְּיֶער הָאט מִיט ווּאנְדֶער דֶערְקֶענְט אַז דֶער יוּנְגֶער עֶנְש אִיז הְיַאצִינְט , דֶעם בַּארָאן דִיוֹווִילְיַאר׳ס זוּהְן . דִי יוּנְגֶע לַייט הָאבֶּען אֵיינֶער עם אַנְדֶערֶן „גֶעדוּצְט״ .

— ווִי קוּמְסְט דוּ אַהֶער , אִין אוּנְזֶער אַלְטֶען פֶּערְוָוארְפֶענֶעם ווִינְקֶעל ?

— אִיךְ גֶעה צוּ זְשָׁאנַאס ; עֶר וָואהְנְט דָארְט , הִינְטֶער דֶעם אָבְּסֶער־אטָארִיוּם . דוּ קֶענְסְט אִיהְם נִיט ? אַךְ , בְּרוּדֶער , דָאס אִיז אַ גֶענְיַאלְגֶער קוּלְפְּטָאר . זַיינֶע סְטַאטוּעֶן וָואס עֶר מַאכְט פוּן שְׁטֵיינֶער זַיינֶען כִּמְעַט בְּלוֹיז וּחְנִיוּת , אָהְן אַ גוּף , אָהְן גַשְׁמִיוּת . עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ „פְרוֹיעֶנְצִימֶער״ גְרוֹיס י אַ פִינְגֶער — דֶער רֵיינְסְטֶער גַייסְט , אָהְן דִי מִאוּסֶע נִיעדְרִיגֶע פָארְמֶען פוּן קֶערְפֶּער אוּנ דָאךְ אִיז דָאס אַ פָאלְקָאמֶענֶע פְרוֹיעֶנְצִימֶער . גְרֶאסְאַרְטִיג , רָאכְטְפָאל !

פְרַאנְסוּאַ הָאט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעקוּקְט אוֹיף הְיַאצִינְט , וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען אַיינְ־עצוֹיגֶען אִין אַ לַאנְגֶען סוּרְדוּט , דָאס גֶעזִיכְט אָבְּגֶעגָאלְט , דִי הָאר פְרִיזִירְט אוּנ עשְׁמִירְט מִיט פָאמַאדֶע , ווִי אַ גֶעפּוּצְטֶע נְקֵבָה .

— אוּנ וָואס טְהוּסְט דוּ הַיינְט ? מֶען הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז דוּ שְׁרַייבְּסְט אוּנ ועֶסְט בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעבֶּען אַ קְלֵיינֶע לִיעד ?

— מַיין טְהַייעֶרֶער , פֶערְפַאסְסֶען אִיז זֶעהר אַ לַאנְגְווַיילִיגֶע זַאךְ . אֵיין גְרַאם עהְמְט בַּיי מִיר צוּ עֶטְלִיכֶע וָואכֶען . יָא , בַּיי מִיר אִיז פַארְטִיג אַ קְלֵיין שִׁיר מִיט דֶעם נָאמֶען „דָאס אוּמְקוּמֶען פוּן דֶער פְרוֹיעֶנְצִימֶער״ . ווִי דוּ זֶעהְסְט בִּין אִיךְ נִיט אֵיינְזַייטִיג — אִיךְ בִּין דָאךְ זְשָׁאנַאס׳ס אַ חָסִיד אוּנ זְשָׁאנַאס גְלוֹיבְּט נָאךְ אַז פְרוֹיעֶנְ־צִימֶער זַיינֶען נֶאטְהִיג אוֹיף דֶער וֶועלְט . אִיהְם קֶען מֶען נָאךְ פַארְאֶנְטְפֶערְן : עֶר אִיז דָאךְ אַ סְקוּלְפְּטָאר אוּנ דָאס אִיז אַ גְרָאבֶּע , מַאטֶערְיַאלְגֶע קוּנְסְט . דֶער סְקוּלְפְּטָאר מוּז דָאךְ אוֹיסְהַאקֶען אַ קֶערְפֶּער ... אָבֶּער אִין דֶער פָּאעֶזִיע הָאט מֶען בֶּענוּצְט דִי פְרוֹיעֶן צוּם שְׁלֶעכְטֶען . עֶס אִיז שׁוֹין לַאנְג צַייט , אַז מֶען זָאל דִי פְרוֹיעֶנְצִימֶער אַרוֹיסְטְרַייבֶּען פוּן דֶעם פָּאעֶזִיע־טֶעמְפֶּעל אוּנ נִיט פַארְשְׁוָואכֶען זַיין הֵיילִיגְקַייט דוּרְךְ אִיהר שְׁמוּטְץ ! וָואס קֶען זַיין אַבְּשֵׁיילִיכֶער ווִי אַ פְרוֹיעֶנְצִימֶער מִיט אִיהר קִינְדֶלֶען זִיךְ , מַאטְקֶען זִיךְ אוּנ דֶערְנִידֶערִיגֶען ? וֶוען מִיר זָאלֶען זַיין אַזוֹי רֵיין אוּנ עֶדֶעל , נִיט צוּשְׁטֶעקֶען זִיךְ צוּ קֵיין אֵיינְצִיגֶער נְקֵבָה , אוּנ וֶוען אַלֶע זָאלֶען שְׁטַארְבֶּען אָהְן קִינְדֶער — אָט וָואלְט דָאס גֶעוֶוען אַ אָרֶענְטְלִיכֶער סוֹף .

נָאךְ דֶער דָאזִיגֶער פִילָאזָאפְיֶע וָואס הְיַאצִינְט הָאט גֶעזָאגְט מִיט אַ מִיעדֶער שְׁטִימֶע , הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעדְרֶעהְט אוּנ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּפְרִיעדֶען מִיט דֶעם אֵיינְדְרוּק וָואס עֶר הָאט אוֹיף בֵּיידֶען גֶעמַאכְט דוּרְךְ זַיינֶע רֵייד .

— אִיהר זַייט מִיט אִיהְם בֶּעקָאנְנְט ? — הָאט פְּיֶער גֶעפְרָאגְט .

— ווי דען! מיר האבען צוזאממען געלערנט אין ליצעאום אונ אללע קלאססע דורכגעגאנגען צוזאממען. ס'איז צום לאכען פון אזא בריה. א פוילער, שטאלצירט מיט'ן פאטערס מיליאָנען אונ מאכט דעם אנשטעלל גלייך איהם זיינען די מיליאָנען פארמאוסט, אונ פארשטעללט זיך פאר א רעוואָלוציאָנער וואס איז גרייט אללע אנציגדען א באמבע צו איבערקעהרען די גאנצע וועלט.

— א שלעכטער סימן אז די קינדער פון די רייכע נעהמען זיך, דורך לאנגווייל אונ לעדיג-געהן, צו אזאלכע מלאכות.

פראנסוא האט זיך פארקירעוועט אויף דער סטעשקע וואס פיהרט צום טייך וואו קינדער האבען אריינגעלאזט קליינע שיפפלעך צום שפיעלען.

א קוק געבענדיג אויף דעם גרויסען זייגער פון פאלאץ האט ער זיך אפגערופען:

— איך געה אויף מאנמארטר. ווילט איהר אפשר געהן מיט מיר?

פ י ע ר איז מרוצה געוואָרען, בפרט ווען דער יונגער מענש האט געזאגט אז ער בעדארף נאך אריינגעהן אין מוזעאום פון לוווער, רופען דעם ברודער אנטואן וואס זיצט דארט אונ קאפירט בילדער.

אין די סאלאָנען פון מוזעאום, וואס זיינען געווען העלל בעלייכט מיט דע נאכמיטטאגס-שיין, איז יעצט כמעט קיינער ניט געוועזען. אריינקומענדיג פון דע גאסס מיט איהר קלאפעריי אונ גערודער האט מען דא, אין טעמפעל פון די שאנ קונסטען, געפיהלט א ליעבע שטיללקייט, א היילינע רוהיגקייט. עס זיינען געזעסע עטליכע מענשען אונ האבען שטילל קאפירט, קיין שארך האט מען פון זיי ני געהערט, נאר מאנכעס מאל איז די שטיללקייט געשטערט געוואָרען דורך די טרי פון אויסלענדישע געסט, וואס זיינען ארומגעגאנגען איבער די סאלאָנען בעטראכטען ד בעריהמטע אנטיקען פון מוזעאום. אנטואן האבען זיי געפונען אין ווינקעל פון זא וואו דארט זיינען אויסגעשטעלט די בילדער פון אמאליגע מאלערס. ער הא אראפגענומען א קאפיע פון מאנטעני'ס א אויסגעריסעוועטע געשטאלט. איהם א געפאללען געוואָרען די נאטירליכקייט פון די פארצייטישע מאלער, ווי זיי האב זיך געסטארעט אללעס אויסמאלען ווי אין דער נאטור, גענוי, אקוראט. גאנצ טאג פלעגט אנטואן זיצען אונ מאלען אונ לערנען זיך פון זיי איבערגעבען יעד שטריך געטריי, נאטירליך.

פיער איז ערשטוינט געוואָרען בעמערקענדיג דעם ריינעם פלאם וואָ ברענט אין אנטואנס בלאס-בלויע אויגען זיטצענדיג ביי דער ארבייט. דא גאנצע געזיכט פון דעם ריזעדיגען יונגען מענשען, וואס שטאנדיג איז עס געווע ווי פארקלערט, פארטראכט, איז יעצט אויפגעלעבט אונ עס גלאנצט אויף איה א הימלישער שיין; זיין גרויסער משופע'דיגער שטערן, וועלכען ער האט געירש פון פאטער, האט אצונד אויסגעזעהן ווי א פעסטונג, בעוואפענט צו מלחמה פאר אמת אונ פאר אלץ וואס איז שאן אונ ערהאבען.

די געשיכטע פון דעם אכצעהן־יאהריגען יונגען מאנן איז א גאנץ קורצע. ין דריטטען קלאס גימנאזיום האט ער געווארפען א אוס־הן אויפ'ן לערנען; ער אט געגארט נאר ריסעווען אונ מאלען. דער פאטער האט איהם ערלויבט אוועק־ ארפען דאס גימנאזיום וואו ער האט שלעכט געלערנט. נאכדעם האט ער גאנצע אג געפרובט זיינע פאהיגקייט, געסטארעט זיך צובלאזען דעם געטטליכען פונק אס ער האט געפיהלט אין זיך. ער האט געפרובט גראווירען אויף מעש, געמאכט פארטען. באלד אבער האט ער גענומען גראווירען אויף האלץ אונ ביי דעם יז ער געבליעבען, אבוואהל די קונסט איז היינט שטארק געפאללען, ווייל ס'איז יין דא נייערע מיטטלען ווי צו אפדרוקען בילדער אויף פאפיער. ער האט אנטאזירט אליין צו אויסטראכטען בילדער אונ אליין זיי אויסקריצען אויף האלץ, ונ האט שוין טאקי געהאט עטליכע אזאלכע איינענע ריסונקעס, געמאכט מיט וויס טאלאנט. אבער ווייל דער פאטער האט דוקא פארלאנגט אז יעדער זוהן זאל ענגען עפעס א מלאכה, צו פארדיענען אויפ'ן לעבען, פלעגט אנטואן אנגעהמען רבייט אין די רעדאקציעס פון איללוסטרירטע צייטונגען אונ מיט דעם פארדיענט ין ברויט.

— דו וועסט דעם ריסונק אויך גראווירען אויף האלץ? — האט פראנסוא עפרעגט דעם ברודער.

— א ניין. איך קאפיר דאס נאר כדי איך זאל מיך אויפפרישען, ווי אין קאלטער וואנגע; איך לערן מיך זיין געטריי אונ בעשיידען. היינט איז דאס עבען גאר אנדערש.

אויפ'ן גאס האט פיער זיך אזוי פערבונדען אין געשפראך מיט די יונגע לייט, ז ביי איהם איז רעכט געווארען געהן מיט זיי אויף מאנמארטר. זיין סימפאטיע ו די צווייטע ברידער איז יעדע מינוט גראססער געווארען. אנטואן, וועלכער יז געגאנגען נעבען איהם, האט אנגעהויבען אויסניססען זיין הארץ, זיינע ארבארגענסטע געדאנקען וועגען דער מאלעריי. ער האט אויך אנגעהויבען שפירען א סימפאטיע צום פעטער.

— עס פארשטעהט זיך, אין פארבען ליעגט א גרויסע קראפט, א ריהרענדע שאנקייט; אהן זיי קען דער מאלער ניט מאכען קיין גאנצען איינדרוק. אונ דאך שיינט מיר אז גאנץ נאטהיג זיינען זיי ניט, מען קען איבערגעבען א בילד אהן זיי אויך. איך גלויב אז דורך שווארץ אונ וויים וואלט איך געקענט פארשטעללען א בילד זי זאל זיין ריכטיג אונ פילל לעבען גלייך ווי מיט פארבען, וואס פאר־ נארען נאר דאס אויג... אבער א שווערע ארבייט איז דאס. אט גיט א קוק אויף פאריז, וואו מיר געהען יעצט ארום. איך וואלט וועלען אין עטליכע רצענס אין עטליכע ריסונקעס איבערגעבען דעם איינדרוק וואס די מראה פון דער שטאדט מאכט יעצט אויף מיר, דאס זאל בלייבען צום שטאנדיגען אנדענקען. איך האב שוין זאגאר געמאכט עטליכע פיגורען; איך וועל זיי אייך ווייזען. א, ווען מען זאל

קעננען זיך נעהמען גלייך צום דאלאט און ניט בעדארפען פריהער אויסריססעווע אויף פאפיר און ערשט נאכדעם קריצען אויפ'ן האלץ, וואס דאדורך ווערט דעו פייער דערוויל אפגעקיהלט און די ארבייט קומט שוין ניט ארוים ווי מען וויל. איבריגענס איך שקיציר נאר פריהער בקיצור מיט א בליישטיפט, נאכדעם מאכ שוין דער דאלאט דאס רעשט, פערפיינערט, גיט ארוים אללע איינצעלהייטען צו מאכען א איינדרוק. לויט מיין מיינונג ברויכט דער זעלבער מענש וואס ריססעוו דאס בילד מיט'ן בליישטיפט אליין נאכדעם גראווירען, אויסקריצען דאס אוין האלץ. ווענינגסטענס איך קען אנדערש ניט, איך מוז מיר אליין ריססעווען און אלי קריצען די בילדער וואס איך האב בדעה צו מאכען. ווען א פרעמדער זאל קריצע מיינע ריסונקעם, וואלטען די בילדער ארויסגעקומען אהן לעבען...

ווען אללע דריי זיינען שוין געוועזן אונטער דעם בארג מאנמארטר און פייער האט געוואלט זיך זעצען אין טראמוויי פאהרען אהיים אין ניילי, האט אנטואן, וואס איז צוהיצט געווארען רעדענדיג פון דער געליבטער קונסט, איהם געפרעגט אויב ער קענן דעם סקולפטאר שאהאן, וואס ארבעט דארט אויבען פאר דער קירכע.

— איך קענן איהם ניט — האט פייער געענטפערט.

— קומט — האט אנטואן געזאגט — לאמיר אריינגעהן צו איהם אויף א ווייל. דער מענש וועט זיין מיט דער צייט איינער פון די גרעסטע קינצלער. אין איין וועגס וועט איהר זעהן דעם מלאך, וואס ער האט געמאכט און מען האט ניט געוואלט ביי איהם צונעהמען.

פראנסואא האט אויך גענומען לויבען דעם מלאך. פייער איז מרוצה געווארען געהן מיט זיי, זעהן די ארבייט וואס די צוויי ברידער לויבען אזוי שטארק.

די גאסט האבען געטראפפען דעם שטיינקריצער אנגעטהון אין א בלוזע ווי א פראסטער ארבייטער און גיט אכטונג אויף צוויי געזעלען וואס שטעהען און טעססען א שטיק מארמאר-שטיין, פון וועלכען עס האט בעדארפט בעשאפפען ווערען א מלאך. דער קינסטלער איז געוועזן א געזונטער מאנספערזאן פון א יאהר זעקס און דרייסיג, מיט א גרויסען בארד, א שטארקער בלאנדין מיט א גרויסען מויל און שאנע בלישצעדיגע אויגען. ער איז געוועזן א געבירטיגער פון פאריז און דארט שטודירט זיין פאך, אבער מיט זיין היטציגען כאראקטער האט ער זיך געקויפט פיעל שונאים.

— אהא, איהר זייט געקומען א קוק געבען אויף מיין מלאך וואס דער ארכי-בישאף האט איהם אויסגעבראקעוועט... אט שטעהט ער!

זיי האבען דערזעהן פאר זיך א פיגור פון לעהם, הויך איין מעטער. קוקענדיג האט מען געקענט גלויבען אז אט אט וועט זיך די פיגור אויפהויבען און אוועקפליהען אין דער לופטען מיט דיא גרויסע צושפרייטע פליגלען. דער כמעט נאקעטער קארפער איז געוועזן דינן און קראפטיג, פולל מיט לעבען, אויפ'ג

..ענט — אַ הימלִישע פְרייד און צופְריעדֶנהַייט.

— מיין מַלְאָךְ איז זיי נִיט גֶעפֶאלֶען, ווייל ער איז צופִיעל מֶענְשְׁלִיךְ. איךְ בִּין ..ז אַז ס'איז טַאקִי אַזוֹי. דָאס שְׁוועֶרְסְטֶע איז צו מַאכֶען אַ מַלְאָךְ. מֶען ווייס אֶפִילוּ .. וָואס איז עֶר, אַ זָכָר צו אַ נְקֵבָה! מַאכֶענְדִיג אָט דֶעם מַלְאָךְ הָאבּ איךְ גֶעוָואלְט ..שְׁטֶעלֶען אַ שֶׁאנֶעם קִינְד, בַּיי וֶועלְכֶען עֶס זַיינֶען אויסְגֶעוַואקְסֶען פְלִיגֶלֶען און ..ווייל אַוֶועקְפְלִיהֶען צו דֶער זוּנְן, אִין אָרְט פוּן אֵייבִּיגֶע פְרֵייד. דָאס אִיז דִי ..טְלִיכֶע נִיט גֶעפֶאלֶען; זיי הָאבֶען פַארְלַאנְגְט עֶס זָאל זַיין מֶעהר רֶעלִיגְיֶאז. וָואס ..ן. איךְ גֶעקָאנְט הֶעלְפֶען? כְ'הָאבּ גֶעמוּזְט נֶעהמֶען און צוּנוֹיפְקְלֶעבֶען אָט יֶענֶע ..קוֹרְדֶסְטְוָוא. צוּלִיעבּ דֶעם שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט מוּז מֶען זַיין אַ פַארְטַאטְשׁ.

דֶער סְקוּלְפְּטָאר הָאט זיי אָנְגֶעוויזֶען אַ צְווייטֶע גֶעשְׁטַאלְט: אַ מַלְאָךְ מִיט ..עֶנֶע פְלִיגְלֶען, מִיט אַ קֶערְפֶּער אויף וֶועלְכֶען מֶען עֶרְקֶענְט נִיט אויבּ ס'אִיז ..גֶעל אָדֶער אַ מֵיידֶעל, מִיט אַ גֶעזִיכְט אָהן אַ שׁוּם אויסְדְרוּק.

— הָאט אִיהר גֶעזֶעהן מֵיין סְטַאטוּעֶ „דִי פְרוּכְטְבַּארְקַייט"? אִיךְ בִּין פוּן אִיהר ..רֵייעֶדֶען; נִיט שְׁלֶעכְט אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען. קוּמְט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ זִי וַוייזֶען.

אִיהם הָאט זִיךְ דוּרְכְאוֹיס פַארְגְלוּסְט, פִיהְרֶען זיי צוּ זִיךְ אַהֵיים, אִין זַיין פְרִיוַואט..הנוּנג, וָואס אִיז נִיט וַוייט פוּן גִילְיָאמְס שְׁטוּבּ.

דוּרְךְ אַ פָאדֶער־שְׁטוּבּ אִיז מֶען אַרַיין אִין אַ גְרוֹיסֶען לִיכְטִיגֶען צִימֶער, אָנְגֶע..עלְלְט פוּל מִיט מָאדֶעלֶען, גֶעשְׁטַאלְטֶען, פָארְמֶעס, שְׁקִיצְצֶען, פִיגוּרֶען פוּן גִיבְּס ..ער לֵיים, אָנְגֶעהוֹיבֶּענֶע גְרוֹיסֶע און קְלֵיינֶע סְטַאטוּעֶן.

דִי סְטַאטוּעֶ „פְרוּכְטְבַּארְקַייט" אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף אַ פָּאסְטַאמֶענְט, צוּגֶעדֶעקְט ..ז אַ פַייכְטֶען לַיינְוַואנְד. אַז מֶען הָאט אַרָאפְּגֶענוּמֶען דֶעם לַיינְוַואנְד הָאבֶּען זיי ..עהן פַאר זִיךְ אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ רִיזֶעדִיגֶע פְרוֹיֶענְצִימֶער מִיט בְּרֵייטֶע לֶענְדֶען, ..ט דֶעם לַייבּ פוּן וֶועלְכֶען עֶס בֶּעדַארְף גֶעבָּארֶען וֶוערֶען אַנֵייעֶ וֶועלְט, מִיט דִי ..טֶערְלִיכֶע בְּרִיסְט, אָנְגֶעגָאסֶען מִילְךְ, צוּ עֶרְנֶעהְרֶען דָאס קִינְפְטִיגֶע קִינְד.

דֶער קִינְסְטְלֶער הָאט אָנְגֶעקְוָואלֶען קוּקֶענְדִיג אוֹיף זַיין אֵייגֶענֶע אַרְבֵּייט. מִיט ..פְרֶאהלִיכֶען גֶעלֶעכְטֶער הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען צוּ דִי גֶעסְט:

— נוּ? אִיךְ מֵיין, אַז דָאס קִינְד וָואס זִי וֶועט גֶעבָּארֶען, וֶועט זַיין גֶעזִינְטֶער פוּן ..הַיינְטִיגֶע בְּלַאסֶע קִינְדֶער וָואס הָאבֶּען אִין זִיךְ נִיט קֵיין טְרָאפֶּען בְּלוּט. זִי וִוידֶער ..נט אוֹיךְ קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען פַארְ'ן הָאבְּן...

בְּשַׁעַת פְרַאנְסוּאַ און אַנְטוּאַן הָאבֶּען בֶּעקוּקְט דִי סְטַאטוּעֶ הָאט פְּ. עֶר בֶּעטְרַאכְט ..אס יוּנְגֶע מֵיידֶעל, וֶועלְכֶע הָאט זיי פְרִיהֶער גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר און יֶעצְט אִיז זִי ..זֶעצְט אִין ווִינְקֶעל בַּיי אַ טִישֶׁעל און גֶעלֶעזֶען אַ בּוּךְ. דָאס אִיז גֶעוֶוען לִיזַא, דֶעם ..נְסְטְלֶערְס שְׁוועֶסְטֶער. זִי אִיז אִין גַאנְצֶען אַלְט גֶעוֶוען אַ יָאהר זֶעכְצֶעהן, און נָאךְ ..י עֶלְטֶערְנְס טוֹידְט הָאט זִי זִיךְ בֶּעזֶעצְט בַּיים עֶלְטֶערְן בְּרוּדֶער. זִי אִיז גֶעוֶוען ..שְׁוַואכֶע, אָהן כֹּחַ, אָבֶער מִיט אַ זֶעלְטֶענֶעם שֶׁאנֶעם פְּנִים'ל וָואס אִיז אַרוּמְגֶעצֵיימְט ..ט וואוּנְדֶערְלִיכֶע אַשְׁקַאלִיעֶרְעֶנֶע הָאר, דִיעֶנֶע און פוּכֶע, ווִי בְּלַאס־גָאלְדֶענֶער

שטוב. איהר איז שווער געווען געהן אויף די שוואכע פיס. דער קארפער איז נאך ניט געווען ענטוויקעלט. דער גייסט האט זיך אויך פארשפעטיגט צו ענטוויקלען. זי איז געווען איינפאך, פראסט, נאאיוו ווי א קינד. אנפאנגס האט דער ברודער געהאט עגמת־נפש דערפון; שפעטער אבער איז ער שוין געוואהנט געווארען צו איהר פראסטקייט ווי צו איהר שוואכקייט. ער איז געווען שטאנדיג פארנומען מיט זיין ארבייט און מיט נייע פראיעקטען און קיין צייט ניט געהאט ארומקוקען זיך אויף איהר.

פיער האט בעמערקט מיט וואס פאר א שמחה ליזא האט בעגעגענט אנטואנען, וועלכער איז באלד צוגעגאנגען צו איהר און גענומען רעדען, אויס־פרעגען, זעהן וואס פאר א בוך זי לעזט. שוין א האלב יאהר זיינען די צווי יונגע לייט צוגעבונדען געווארען איינער צום צווייטען מיט א ריינע צארטליכקייט. דורך פאטערס גארטיל פלעגט ער אריינקוקען אין דעם קינסטלערס מייסטער־שטוב און געזעהן ווי זי פארברענגט איהר אומשולדיג מיידליש לעבען. אנפאנגס האט זי איהם פאראינטערעסירט זעהענדיג זי שטאנדיג זיצען אליין, איינזאם, ווי א פערוואָרפענע. נאכדעם אז זיי האבען זיך בעקאנט, איז ער ענטציקט געווארען פון איהר זעלטענע איינפאכקייט, פון איהר בעצויבערנדע אונשולד. און ער האט זיך איבערגעגעבען דעם געדאנקען: ענטוויקלען זי, אויפוועקען אין איהר דאס לעבען, דעם שכל, ליעב׳ן זי און ווערען איהר הארץ, איהר פערשטאנד, איהר נשמה. און ער האט ווירקליך געטהון פאר איהר מעהר ווי דער אייגענער ברודער. ווי א שוואך בלומעלע האט זי געברויכט, מען זאל זי פארזיכטיג אויפפאסען, געבען איהר ליכט און ליעבשאפט. ער האט זי שוין אויסגעלערנט לעזען און שרייבען, וואס קיין גובער־נאנטקע האט דאס ניט געקענט בעווייזען. זי האט איהם געפאלגט, פארשטאנען אלץ וואס ער רעדט. פּלוצלינגוויז האט אין איהרע שאנע לויטערע אויגען אנגעהויבען ברענען א גליקליכער פייערל. די ליעבע האט געוויזען וואונדער — אויפגעוועקט אין איהר די פרויענצימער. ליזא האט אנגעהויבען טראכטען, פיהלען, ליעב האבען. אמת זי איז נאך אלץ געבליעבען קראנק און שוואך, קוים געקאנט שטעהן אויף די פיס; דערפאר אבער איז זי שוין ניט געווען אזוי ווילד און רויה ווי אמאל.

זשאהאן וואס איז זעהר צופריעדען געווען פון דעם וואונדער, איז צוגעגאנגען צו די יונגע לייט.

— נו? איהר מאגט שטאלצירען מיט אייער תלמיד! זי לעזט שוין אויסגע־צייכענט און פארשטעהט זעהר גוט די שאנע ביכער וואס איהר ברענגט איהר. א יא, ליזא, אללע אבענד לעזט דו מיר פאר אויפ׳ן קול?

ליזא האט אויפגעהויבען איהרע אונשולדיגע אויגען און געקוקט אויף אנטואנען מיט א שמייכעל פולל זעלטענע דאנקבארקייט.

— אה, איך וועל פארשטעהן און טהון אלץ וואס ער וועט מיך אויסלערנען. אללע האבען שטילל געלאכט.

די גאַסט האָבען זיך שוין געקליבען אַוועקגעהן, נאָר פראַנסואַ איז געבליבען שטעהן פאַר אַ צופּלאַצטע פאַרעם פון איין סטאַטוע.

— די סטאַטוע איז מיר ניט געראָטען — האָט דער קינסטלער ערקלערט — איך האָב געוואָלט אויסקלעבען אַ פאָרעם „די באַרעמהערציגקייט" וואָס מען האָט געשטעללט ביי מיר פאַר אַ צדקה־הויז. וויפיעל איך האָב מיך שוין געמוטשעט, קומט אַלץ אַרויס אָהן טעם אונ אָהן ריח. איך האָב עס אַוועק געוואָרפען. אָבער אויף כל סוף וועל איך מיך מוזען צוריקנעהמען צו דעם.

אַרויסגעהענדיג אין גאַס איז זיי אַנטקעגען געקומען טאָם, וועלכער איז געגאַנגען פון פאַבריק וואו ער האָט בעשטעללט אַ שטיקעל אַרבייט ביים מעטאַל־גיסער.

— אַך, ווי צופריעדען איך בין! — האָט נאָך פון דערווייטענס פראָהליך אויסגעשריען טאָם, וואָס איז שטאַנדיג געווען אַ פערטראַכטער, אַ שוויי̇גער — מיר שיינט, איך בין שוין אויף אַ דרך מיט מיין־קליינטשקען מאַטאר... זאָגט דעם פאָטער אז ס'געהט ווי אַם בעסטען. לאָז ער נאָר געשווינד געזונט ווערען.

ביידע ברידער, האָבען טאָמען געחאַפּט קושען, אונ פּיער האָט אָנגעקוואָללען בעטראַכטענדיג די שאַנע גרופּפּע פון די דריי געזונטע קרעפּטיגע יונגע־לייט וואָס זיינען יעצט פאַראייניגט מיט דעם איינציגען געדאַנקען, אז דער פאָטער וועט האָבען נחת פון דער גוטער בשורה אונ דאַדורך געשווינדער געזונט ווערען.

ער האָט געפיהלט ווי אין איהם וואַקסט די ליעבשאַפט צו די דריי פאָהיגע, געבילדעטע, גוטע אונ ערענטליבע קינדער...

---

# V.

עס איז שוין אַריבער כמעט אַ גאַנצער חדש צייט גילאָם איז ביי פּיער'ן אין ניילי. זיין ראַנע איז שוין כמעט אין גאַנצען פאַרהיילט געוואָרען. פון בעט איז ער שוין לאַנג אויפגעשטאַנענען אונ גאַנצע טאָג פלעגט ער פאַרברענגען אין גאָרטען. ער האָט געגאַרט אומקעהרען צוריק אַ היים אונ זיך נעהמען צו דער אַרבייט, אונ דאָך האָט ער דאָס געמוזט אָפּלעגען פון טאָג צו טאָג, ווייל ער האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט, די פּאָליציי זאָל ניט קומען. סאַלוואַ'ן האָט מען נאָך אַלץ חושד געווען, אַרומגעזוכט, אָבער ניט געקאָנט געפינען. וואָס וועט זיין אַז מען וועט איהם אַרעסטירען? וועט ער זיך ניט אַרויסהאַפּען מיט אַ וואָרט? וועט ער ניט אויסזאָגען וואו ער האָט גענומען די באָמבע?

אַ גאַנצע וואָך האָבען די צייטונגען זיך שטאַרק בעשעפטיגט מיט דער נאָל, וועלכע מען האָט געפונען אין טהויער פון דיוויליאַרס פּאַלאַץ. אַללע ראַפּאָרטערען זיינען געלאָפען אין גראַנדידיעס פאַבריק אונ אויסגעפאָרשט דעם פּרינציפּאַל

מִיט דִי אַרְבֵּייטֶער. מַאנְכֶע הָאבֶּען גֶענוּמֶען אַלֵיין, אויף אֵייגֶענֶע הוֹצָאוֹת, זוּכֶען דֶעם פַארְבְּרֶעכֶער, אוּנ מֶען הָאט אָבְּגֶעשְׁפֶּאט פוּן דֶער פָּאלִיצַיי, וָואס אִיז אַזוֹי פַארשְׁלָאפֶען, אַזוֹי אָבְּגֶעלָאזְט. דִי גַאזֶעטֶען זַיינֶען פוּל גֶעוֶוען אויסְגֶעטְרַאכְטֶע זַאכֶען, שְׁרֶעקְלִיכֶע יְדִיעוֹת, אַז כַּאלְד וֶועלֶען זַיין נַייעֶ בָּאמְבֶּעס, גַאנְץ פַּארִיז וֶועט פְלִיהֶען אִין דֶער לוּפְטֶען... דִי „פָאלְקְס שְׁטִימְמֶע" הָאט גֶעוִויזֶען אִיהְר גַאנְצֶען כֹּחַ, אויסְטְרַאכְטֶען יֶעדֶען טָאג עֶפֶּעס אַ מוֹרָאדִיגֶע גֶעשִׁיכְטֶע, פוּן וֶועלְכֶע דָאס לַייב הָאט גֶעשְׁוִידֶערְט הֶארֶענְדִיג.

יֶעדֶען פְרִיהמָארְגֶען הָאט גִילְיָאם גֶעוַוארְט מִיט שְׁרֶעק אוּנ אויפְרֶעגוּנְג אויף דִי צַייטוּנְגֶען אוּנ הָאט גֶעצִיטֶערְט בַּיים גֶעדַאנְקֶען: פִילַייכְט הַיינְט וֶועט עֶר שוין לֶעזֶען דִי יְדִיעָה אַז סַאלְוַוא אִיז אַרֶעסְטִירְט. — אוּנ דִי פָּאלִיצַיי הָאט גֶעאַרְבֵּייט מִיט אַללֶע כֵּלִים, אַרֶעסְטִירְט מַאסֶען מֶענְשֶׁען, אויף וֶועלְכֶע ס'אִיז נָאר גֶעפַאללֶען דֶער קְלֵיינְסְטֶער חָשַׁד. אֵיינְמָאל הָאט גִילְיָאם גֶעפוּנֶען אִין צַייטוּנְגֶען זַיין אֵייגֶענֶעם נָאמֶען; זֵיי הָאבֶּען עֶרְצֶאהלְט, אַז בַּיי אֵיינֶעם פוּן זַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד, אַ שְׁרִיפְטְשְׁטֶעלְלֶער, אִיז דִי פָּאלִיצַיי גֶעוֶוען זוּכֶען. דָאס הַארְץ הָאט אִין גִילְיָאמֶען גֶעוָוארְפֶען פוּן כַּעַס. נַיין, עֶר קֶען נָאךְ נִיט גֶעהְן אַהֵיים, בֶּעסֶער נָאךְ דָא בְּלַייבֶען בַּיים בְּרוּדֶער. דִי פָּאלִיצַיי קֶענְן אַ לְיָאדֶע מִינוּט קוּמֶען אִין קְלֵיינֶעם הַייזֶעל אויף מָאנְמַארְטְר אוּנ אַרֶעסְטִירֶען אִיהם.

אוּנ אַזוֹי הָאבֶּען בֵּיידֶע בְּרִידֶער גֶעפִיהְרְט אַ אֵיינְזַאמֶען לֶעבֶּען, אִין שְׁטֶאנְדִיגֶער שְׁרֶעק. אֲפִילוּ פְּיֶער הָאט אויפְגֶעהֶערְט אַרויסְגֶעהְן אִין גַאס אוּנ גֶעזֶעססֶען גַאנְצֶע טֶאג פַארְשְׁפַּארְט אִין דֶער הַיים. גֶעסְט פְלֶעגֶען צוּ זֵיי זֶעהְר זֶעלְטֶען קוּמֶען. בֶּערְטֶערוּאַ הָאט כִּמְעַט אויפְגֶעהֶערְט אַרַיינְגֶעהְן, צַייט גִילְיָאמְס רַאנֶע אִיז אויסְגֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען. מַאנְכְעס מָאל בַּיי דֶער נַאכְט זַיינֶען גֶעקוּמֶען בַּאשׁ מִיט יַאנְסֶענֶען. דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט לִיעבּ גֶעהַאט זֶעהְר פִיעל צוּ רֶעדֶען, דֶערְפַאר אָבֶּער יַאנְסֶען הָאט מֵייסְטֶענְס גֶעשְׁווִיגֶען, נָאר זֶעלְטֶען אַרויסְגֶערֶעדְט אַ פָּאר וֶוארְטֶער, וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁמִיסֶען וִוי אַ בַּייטְשׁ, גֶעשְׁנִיטֶען וִוי אַ בְּרִיטְוֶוע. דֶער אֵיינְצִיגֶער, וָואס פְלֶעגְט זַיין אַ שְׁטֶאנְדִיגֶער גַאסְט, אִיז גֶעוֶוען טֶעאָפִיל מָארֶען. אַללֶע אָוֶוענְד אִין דֶער זֶעלְבֶּער שָׁעָה הָאט מֶען שוין גֶעהֶערְט זַיין שְׁטִילֶען קְלוּנְג מִיט'ן גְלֶאקֶעל פוּן טְהִיר.

אֵיינְמָאל אַ זֵייגֶער צֶעהְן אִין אָוֶוענְד, וֶוען בֵּיידֶע בְּרִידֶער זַיינֶען גֶעזֶעסֶען אַלֵיין אִין צִימֶער אוּנ גֶעלֶעזֶען, אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען דִי אַלְטֶע דִיעְנְסְט אוּנ גֶעמָאלְדֶען אַז יַאנְסֶען אִיז גֶעקוּמֶען מִיט נָאךְ עֶפֶּעס אַ הֶערר. דָאס אִיז גֶעוֶוען סַאלְוַוא.

— עֶר הָאט דוּרְכְאוֹיס גֶעוָואלְט זֶעהֶען זִיךְ מִיט אַייךְ — הָאט יַאנְסֶען עֶרְקְלֶערְט גִילְיָאמֶען. — אִיךְ הָאבּ אִיהם צוּפֶאללִיג גֶעטְרָאפֶען גֶעהְן, הָאט עֶר מִיךְ שוין נִיט אָפְּגֶעלָאזְט: אִיךְ מוּז אִיהם פִיהרֶען אַהֶער, עֶר וֵוייסְט אַז אִיהר זַייט גֶעראַנִיעט אוּנ אוּמְרוּהִיג... זֶעהְר נַארִישׁ פוּן זַיין זַייט אוּנ פַאר אַייךְ אִיז זַיין בִּיזוּךְ גֶעפֶאהְרְלִיךְ.

גילִיאם איז אויפגעשפרונגען פון אָרט א פערוואונדערטער, א אויפגערעגטער ון סאַלוואס העצה; פּיער האָט מיט שרעק אָנגעקוקט דעם מענשען וואס איז עשטאנגען א היבשע ווײַלע שטום, אָהן ווארטער.

— הערר פראַמאַן — האט ער ענדליך אָנגעהויבען רעדען א צומישטער — יך האב געהאט גרויס צער ווען מען האט מיר ערצאהלט, אין וועלכער לאגע יהר געפינט זיך דורך מיר. איך וועל דאך עביג ניט פארגעססען, ווי גוט יהר זייט געוועזען צו מיר, ווען מען האט מיך פון אומעדום ארויסגעיאגט, געגעבען זין קארק...

ער האט זיך געשאקעלט פון איין פוס אויפ'ן צווייטען און מיט די האנד עצופּט זיין אלטע, קיילעכדיגע היטעל.

— מיר האט זיך דורכאויס געוואלט קומען אליין און אייך ערקלערען, אז אס איינציגע וואס מיר פארדריסט אין דער גאנצער געשיכטע, איז נאר דאס, ואס איך האב מיר איינמאל אין אוועגד ערלויבט נעהמען אהן אייער וויססען א פאטראן מיט אייער פולווער. איך האב אויף דעם שטארק חרטה, ווייל דאדורך קענט איהר קאמפראמעטירט ווערען. איך שווער אייך אבער אז איהר בעדאַרפט יך גאר ניט שרעקען: געשווינדער וועל איך מיר לאזען אפּהאקען דעם קאפּ עהער איך זאל ארויסזאגען אייער נאמען;.. אט דאס איז אללעס וואס מיר איז געלעגען וי א שטיין אויפ'ן הארצען.

און ער איז ווייטער שרעקעדיג ענמשוויגען געווארען. זיינע גוטע אויגען, ווי ביי א געטרייען הונד, האבען אהן אויפהער געקוקט אויף גיליאמען מיט דעם גראסטען רעספּעקט. עס איז קאנטיג געוועזען אז ער פארגאטטערט דעם מענשען. פּיער האט איהם שארף בעטראכט און איהם האט זיך פּלוצלינג פארגעשטעללט פאר די אויגען יענע שרעקליכע סצענע פון דער אומגליקליכער מאדיסטקע: דאס שאנע מיידיל מיט די בלאנדע האר, ווי זי ליעגט מיט א צוריסענעם בויך אין טויער פון באראן דיוויליארס פּאלאץ. איז עס דען מעגליך אז דער משוגענער. דער מערדער שטעהט דא יעצט און אין זיינע אויגען בלישצען טרערען?

גיליאם איז צוגעגאנגען צו סאלוואן און איהם געדריקט די האנד.

— איך חיים, סאלוואַ, אז אין אמת זייט איהר ניט קיין שלעכטער מענש, אבער צו וואס האט איהר געטהון אזא נארישע, שרעקליכע מעשה?

סאלוואַ האט א קליינעם שמייכעל געגעבען און געענטפערט גאנץ קאלטבלוטיג:

— אה, הערר פראמאן, ווען עס זאל מעגליך זיין וואלט איך זעהר גערן געטהון נאך א מאל די זעלבע מעשה. אזוי איז שוין מיין אידעע. ווען ניט איהר, וואלט איך געוועזען גאנץ צופריעדען.

ער האט ניט געוואלט זעצען זיך און איז געשטאנען נאך עטליכע מינוט און געערעדט מיט גיליאמען. יאנסען, וואס איז ניט געוועזען צופריעדען פון דעם

אומנוטצליכען, געפאהרליכען בעזוך, האט זיך געזעצט אין א זייט ביים טיש אונ געטומען בלעטטערן א בוך מיט בילדער. גיליאם האט ארויסגעצויגען פון סאלוואן אלסדינג וואס ער האט געטהון אין יענעם טאג, ווי ער איז ארומגעלאפפען א גאנצען טאג איבער פאריז מיט דער באמבע: פריהער האט ער זי געהאלטען אין זאקיל פון די אינסטרומענטען, נאכדעם אונטערן ראק. פון דיוויליארם פאלאץ, וואו די טויערען זיינען געוועזען אין דער פריה צוגעמאכט, איז ער געגאנגען אין פארלאמענט, דארט האט איהם דער דיענער ניט געוואלט אריינלאזען, איז ער פון דארט אוועק צום צירק, אונ נאכדעם האט איהם צוריק געצויגען געהן צו דיוויליארם פאלאץ. דעם זעקיל מיט אינסטרומענטען האט ער אריינגעווארפען אין טייך ווען איהם איז אנגעפאללען א ווילדער כעס אויף די ארבייט, וועלכע איז ניט אים שטאנד צו געבען א שטיקעל ברויט איהם מיט זיין פאמיליע. נאר די באמבע האט ער איבערגעלאזט. — נאכדעם האט ער ערצאהלט ווי ער איז ענטלאפען געווארען ווען די באמבע האט צופלאצט אונ אויפגעריהט דעם גאנצען מהייל שטאדט, אונ ווי צופריעדען ער איז געוועזען ווען ער איז שוין געקומען אין רוהיגע גאסען, וואו מען האט נאך גאר ניט געוואוסט וועגען דער גאנצער געשיכטע. שוין א גאנצען מאנאט וואלגערט ער זיך, נאכטיגט זעהר אפט אויף דער היילער גאס, אהן א גראשען ביי דער נשמה. איינמאל האט דער קליינער וויקטאר מתית איהם געגעבען פינף סו, אנדערע חברים האבען איהם אויך געהאלפען, געלאזט איבערנאכטיגען א נאכט אונ איהם בעהאלטען, געשיצט פון געפאהר. ער האט געטראכט אוועקלויפען אין אויסלאנד, נאר געוויסס האט מען אומעדום נאכגעשפירט אונ ווען ער ענטלויפט וואלט מען איהם געוויס באלד געחאפט אונ ארעסטירט. דא אבער, אין דעם גרויסען פאריז, איז ער גאנץ זיכער. יעצט וויל ער שוין גאר ניט ענטלויפען, נאר רוהיג וואַרטען אונ זעהען, וואס וועט ווייטער זיין. ער קען זיך ניט שיידען פון פאריז.

— אונ אייער טאכטער, די קליינע סעלינא, זייט איהר חאטש געגאנגען זעהן אמאל אין דער גאנצער צייט? — האט גיליאם געפרעגט.

סאלוואא האט א מאך געגעבען מיט דער האנד.

— ניין! וואס זאל איך טהון? זי איז דארט מיט דער מאדאם טעאדאר. וויי... געפינען שטאנדיג א מיטטעל אין א נויטה. זי וועט זיך שוין א עצה געבען. אויסער דעם בין איך דאך שוין א פערפאללענער מענש; איך קען שוין קיינעם ניט העלפען, פאר זיי בין איך שוין סיי ווי סיי א אבגעשטארבענער.

אונ דאך האבען פון זיינע אויגען אנגעהויבען רינען טרערען.

— אך, ארימע מיידעלע! מיט'ן גאנצען הארצען, מיט דער גאנצער נשמה האב איך זי געקושט עהדער איך בין אוועקגעגאנגען. ווען ניט זי מיט דער פרוי, וואס האבען פאר מיינע אויגען געפוכטעט פון הונגער, קענן זיין אז איך וואלט גאר ניט געטראכט צו טהון אזא זאך.

נאכדעם האט ער זיך מורה געווען אז דאס לעבען איז איהם נמאס אונ ער איז גרייט צו שטארבען. אויב ער האט אונטערגעלעגט די באמבע אונטער דעם באנקיר דיוויליארס פאלאץ, האט ער דאס נור געטהון ווייל ער קען איהם זעהר גוט; ער איז דער רייכסטער פון די אללע קאפיטאליסטען, וואס זייערע עלטערען האבען בשעת דער רעוואלוציע אנגעפייפט דעם פאלק, צוגענומען זיך די גאנצע מאכט, דאס גאנצע געלט אונ האלטען עם גאנץ פעסט, וויללען דעם ארימען פאלק ניט ווארפען אפילו קליינע ברעקליך.

סאלוואַ האט זיך א קלאפ געגעבען אין הארצען אונ גערעדט וועגען זיין ארענטליכקייט, בעזאנדערס האט ער ניט געקאנט אויסהאלטען וואס מען קען איהם נאך חושד זיין אז ער איז א שרעקעדיגער, אסימן ער איז ענטלאפען ווען די באמבע האט אויסגעשאסען.

— איך האב קיינמאל קיינעם ניט בעגנבה׳ט, אונ אויב איך וויל ניט געהן אליין איבערגעבען זיך דער פאליציי אין די האנד, איז דאס נאר דערפאר ווייל זי מאג זיך מטריח זיין מיך אויפזוכען. יעצט, אז מען האט געפונגען די נאל, איז שוין אלץ קלאר. איך בין שוין א פערפאללענער, זיי ווייסען שוין אז איך בין דאס געוועזן דער מאכער, אונ דאך איז נארריש געהן אליין קריכען אין דער פעטליע. נאר אז מען האט מיך היינט ניט ארעסטירט מאגען זיי מיך מארגען ארעסטירען, מיר איז שוין דערעסען געוואָרען דאס יאגעריי, דאס בעהאלטעניץ. איך קען שוין ניט אויסהאלטען אזא הינטיש לעבען...

יאנקיין האט אויפגעהערט בלעטערן דאס בוך אונ נייגיעריג געקוקט אויף סאלוואן. א שמייכעל פול אבשיי האט געלייכט טיעף אין זיינע קאלטע אויגען אונ מיט א צובראכען פראנצאזישער שפראכע האט ער זיך אבגערופען:

— אין א מלחמה שלאגט מען דעם שונא, שיסט, שטעכט, הרגעט אנדערע, אבער ניט זיך זעלבסט...

אויף זיין בעמערקונג האט קיינער ניט געענטפערט, אפילו סאלוואַ האט זיך געמאכט ניט הערענדיג. ער האט גענומען ערקלערען מיט א הויכען שמועס זיינע אידעען, ווי ער איז גרייט צו מפקיר זיין דאס אייגענע לעבען, אבי עס זאל שוין קומען א סוף צו דער ארימקייט. ער האט מיט דער באמבע געוויזען אללעמען א ביישפיעל פון גבורה, פון איינשטעלעניש אונ איז געוועזן זיכער אז נאך איהם וועלען קומען אנדערע העלדען אונ ווייטער פיהרען די מלחמה, ברענגען די גאולה פאר דער וועלט.

נאכדעם איז סאלוואַ אוועקגעגאנגען אין דער שטילל; די נאכט האט איהם געבראכט אונ צוריק אוועקגעטראגען ערגעץ אין דער פינסטער.

קוים האט זיך די טהיר פארמאכט הינטער איהם האט פ י ע ר געחאפט אונ פאנאנדערגעעפענט דעם גרויסען פענסטער, גלייך ווי איהם וואלט געשטיקט, פארפעהלט לופט אין צימער ווען דער מערדער איז ערשט געשטאנגען. די נאכט

איז גֶעוֶוען אַ חַארִימֶע אָבֶּער אַ פִינְסְטֶערֶע. פוּן דֶער וַוייטֶענְס הָאט מֶען גֶעהָארְט דֶעם דוּמְפְּפֶען רַעשׁ פוּן דֶער גְרוֹיסֶער קָאכֶעדִינֶגער שְׁטָאדְט.

גִילְיָאם הָאט גֶענוּמֶען אַרוּמְגֶעהְן הִין אוּנ צוּרִיק אִיבֶּער'ן צִימֶּער אוּנ זִיךְ צוּרֶעדְט, גְלַייךְ וִוי עֶר וָואלְט נִיט בֶּעמֶערְקְט אַז דֶער אֵיינְצִיגֶער וָואס הָארְט זַיינֶע בֶּייד אִיז דֶער בְּרוּדֶער, דֶער גַייסְטְלִיכֶער.

— אוּמְגְלִיקְלִיכֶער מֶענְשׁ! אִיךְ פַארְשְׁטֶעה זֶעהר גוּט וִוי אַזוֹי עֶר קוּמְט צוּ אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶער עֲבֵרָה. נָאךְ אַ לֶעבֶּען פוּן שְׁרֶעקְלִיכֶער נוֹיט, אוּמְזִיסְטִיגֶער הָארֶעוַואנְיֶע, אִיז אִיהם דֶער מֹחַ גֶעריהרְט גֶעוָוארֶען, דֶערְצוּ נָאךְ דִי אֲסֵפוֹת, דִי פַייֶערִיגֶע רֶעדֶען וָואס עֶר הָאט גֶעהֶערְט, הָאבֶּען אִיהם צוּגֶענוּמֶען דָאם רֶעשְׁט בִּיסֶעל שֵׂכֶל...

אִיךְ קֶען אִיהם זֶעהר גוּט. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְטֶער בַּעַל־מְלָאכָה, אָרֶענְטְלִיךְ אוּנ נִיט גֶעשְׁפּוּרְט. עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט לַיידֶען דִי מִינְדְסְטֶע עַוְלָה. בִּיסְלִיכְוַוייז אִיז אִיהם דִי וֶועלְט מִיט אִיהְרֶע הַיינְטִיגֶע אָרְדְנוּנְגֶען נִמְאָס גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמְגֶעהְן מִיט דִי גֶעדַאנְקֶען אַז מֶען דַארְף דִי וֶועלְט בֶּעסֶער אוּנ גְלִיקְלִיכֶער מַאכֶען, בִּיז לְסוֹף הָאט עֶר גָאר פַארְגֶעסֶען וָואס אַרוּם אִיהם טְהוּט זִיךְ... אוּנ גֶענוּמֶען צוּ בָּאמְבֶּעס.

— אָבֶּער דוּ, בְּרוּדֶער, בִּיכְט דָאךְ נִיט יַד אַחַת מִיט דִי דָאזִיגֶע מֶערְדֶער, רוֹצְחִים? גֶעכְטֶען הָאסְטוּ פַאנְטַאזִירְט וֶועגֶען אַ גְרוֹיסֶען, גְלִיקְלִיכֶען פָאלְק, וָואס יֶעדֶער אִיז פְרַייא. וִוי שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז אָבֶּער וֶוען דִי פַאנְטַאזִיֶע הֵייבְּט אָן צוּ וֶוערֶען אַ אֱמֶת, וֶוען מֶען פְּרוּבְט דֶעם גֶעדַאנְקֶען אוֹיסְפִיהרֶען מִיט דִי הָאנְד — מֶען הַרְגֶעט אוּמְשׁוּלְדִיגֶע, פַארְגִיסְט רֵיינֶע בְּלוּט צוּרַייסְט הַיינֶער... דָאם פַּאסְט נָאר פַאר אַ גַרָאבֶּען, אוּנְווִיסֶענְדֶען מֶענְשֶׁען וִוי סַאלְוַוא; אָבֶּער וִוי קֶענֶען דֶער גֶעבִּילְדֶעטֶער, עַנְטְוִויקֶעלְטֶער מֶענְשׁ גְלַייכְגִילְטִיג צוּקוּקֶען רְצִיחוֹת אוּנ גְנֵבוֹת?

גִילְיָאם אִיז אַ צִיטֶערְנְדֶער שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען פַאר'ן בְּרוּדֶער.

— גַנְבֶעהְנֶען, הַרְגֶעהְנֶען! נֵיין, נֵיין! דָאס ווִילל אִיךְ נִיט. אָבֶּער מֶען קֶען דָאךְ נִיט פַארְשְׁלִיסֶען דִי אוֹיגֶען נִיט זֶעהֶען אִין וָואס פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶע צֵייט מִיר לֶעבֶּען. גֶעוְוים, וַוארְפֶען בָּאמְבֶּעס, רַייסֶען הַייזֶער, פַארְגִיסְסֶען בְּלוּט אִיז מְשׁוּגָע אוּנ מֶערְדֶערִישׁ, אָבֶּער מֶען מוּז מוֹדֶה זַיין, אַז דִי גְרוֹיסֶע הָאבֶּען אַלְסְדִינְג גֶעטְהוּן, זַיי וָאלֶען צוּ דֶעם בְּרֶענְגֶען. זַיי הָאבֶּען צוּפִיעל גֶעיָאגְט דִי עֶרְשְׁטֶע אַנַארְכִיסְטֶען, גֶעשְׁפַּארְט אִין דִי טוּרְמֶעס, גֶעטוֹידְט, אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אוּנ פַאר יֶעדֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְטֶען זַיינֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען הוּנְדֶערְט נַייֶע, נוֹקֵם זַיין דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם חָבֵר. וָואס, צוּם בַּיישְׁפִּיעל, הָאט גֶעבְּרַאכְט סַאלְוַואן צוּ דֶער רְצִיחָה? נָאר דָאס צוּזֶעהְן דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע עַוְלוֹת פוּן אֵיין זַייט אוּנ דִי אָרִימְקַייט פוּן דֶער אַנְדֶער זַייט.

— דוּ הָאסְט דַיינֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּנ אִיךְ הָאבּ אַ וואוּנְד אִין הַארְצֶען — הָאט זִיךְ פְּיֶער אָנְגֶערוּפֶען מִיט אַ בִּיטֶערְקַייט — דוּ קֶענְנְסְט נִיט לַיידֶען דִי אָרְדְנוּנְג פוּן דֶער הַיינְטִיגֶער וֶועלְט אוּנ מַיין וואוּנְד טְרִיקֶענְט מִיךְ אוֹיס אוּנ עֶסְט מַיין לַייבּ. זֶעהְסְט דוּ דֶען נִיט, אַז דַיין אַנַארְכְיֶע, דַיינֶע גֶעדַאנְקֶען וֶועגֶען גֶערֶעכְטִיגְקַייט אוּנ

גליק, וואס צוליעב דעם איז סאלאווא געגאנגען ווארפען באמבעס — איז דאס דער לעצטער קלאפ וואס וועט אלסדינג איבערקעהרען אונ אויסרוימען פון דער וועלט? איך האב עם פריהער געזעהן, האב געווארט אויף דער לעצטער קאטאסטראפע, ווי די פערשיעדענע קלאססען מענשען וועלען אנפאללען מיט ארציחה איינע אויף די אנדערע אונ בלוט, ברודער-בלוט, וועט פארגאססען ווערען. איך האב שוין לאנג געזעהן די סימנים — די ארימקייט פון די ניעדריגע קלאססען מענשען, דער עגאאיזמוס פון די העכערע קלאססען; דער גאנצער בנין פון דער מענשליכער געזעללשאפט איז שוין לאנג צושפאלטען, געפלאצט פון דער גרויסער משא ניעדערטרעכטיגקייט אונ עלענד... איך בין עקסטרא געפאהרען אין רוים אונ אנדערע היילינע שטאדט, אפזוכען אונ געפינען דארט די אמונה, וואס זי זאלל קענען בערוהיגען, טרייסטען דאס אומגליקליכע ארימע פאלק אונ ברענגען פריעדען, שלום, ברידערשאפט. אבער ווי נארריש בין איך דאך געוועזען! אומעדום בין איך אריינגעפאללען אין דעם טיעפסטען תהום. איך האב פאנטאזירט ראטעווען אנדערע אונ דערוויל אליין אומגעקומען, דערטרונקען געווארען ווי א צובראכענע שיף, וואס זעצט זיך אויפ'ן דנא אין גרויסען אקעאן אונ אפילו א קליין שטיקעל שווימט ניט ארויף אויבען... איין איינציגער פאדעם האט מיך נאך בעהאפט צו דער וועלט — דאס איז געוועזן די בארמהערציגקייט, אויפפאססען קראנקע, אכטונג געבען אויף געראניעטע, אבער דער פאדעם איז אויך איבערגעריססען געווארען. די צדקה העלפט ניט, ברענגט קיין שום נוטצען ניט. אלץ האט זיך יעצט אויסגעלאזט, אלץ פערלארען; איך בין יעצט א קאלט ביססעל אש, א לעערע שאלעכץ; מיין געמיטה ווערט צופליקט, צוריססען פון די שרעקליכסטע יסורים. אין קיין זאך גלויב איך שוין נים, אין קיין זאך, אין קיין זאך!

פיער איז אויפגעשטאנען אונ צושפרייט די האנד, גלייך ער וויל ארויפווארפען פון זיך די שרעקליכע לאסט וואס דריקט זיין הארץ אונ זיין שכל. גיליאם איז געבליבען שטעהן א דערשלאגענער הארענדיג דעם ברודערס ווערטער, ווי ער לייקענט אלץ, ווי ער גלויבט נים אין קיין זאך מעהר.

— דאס רעדסט דו אזוי, ברודער? אונ איך האב דיך געהאלטען פאר א פרומען, וואס האלט פעסט אונ רוהיג די אמונה! דו ביסט דאך א וואונדערליכער גייסטליכער, א היילינער מענש, וועלכען אללע אין דער גאנצער סביבה פארגאטטערן! איך האב אפילו ניט געוואלט צוריהרען זיך צו דיין אמונה אונ געשאמט פאר דיר ארויסרעדען מיינע פרייע מיינונגען. לסוף לייקענסט דו אלסדינג אונ גלויבסט גאר אין קיין זאך ניט!!

פיער האט ווידער לאנגזאם צושפרייט די האנד.

— ניטא אין וואס צו גלויבען! איך האב אומעדום געזוכט אונ גאר ניט געפונען, אויסער די שרעקליכע פוסטקיים, וועלכע דריקט מיך ווי א בארג.

— אך טהייערער ברודער, ווי גרוס מוזען זיין דיינע יסורים! איז דען מאגליך

אז די רעליגיע זאל נאך מעהר אויסטריקענען ווי די וויססענשאפט — דו ביסט דאך דורך איהר אין גאנצען דערשלאגען, וועהרענד איך, וואס האלט פון דער וויססענשאפט, האב דאך נאך אלץ מיינע ליכטיגע פאנטאזיעס, מיינע האפפנונגען...

ער האט אנגעכאפט פ'ערן פאר ביידע הענד און זיי געדריקט מיט גרויס רחמנות.

— איך וויל ניט דו זאלסט זיך אזוי מוטשען, טהייערער ברודער! איך וועל דיך שוין ניט אוועקוואַרפען, ניט איבערלאזען אליין. איך קען דאך דיך בעססער ווי דו אליין. דו האסט שטאנדיג געליטטען פון דער קריעג, די מחלוקת צווישען הארץ און שכל; דו וועסט אויפהערען לײדען יסורים נאר ווען צווישען די ביידע וועט ווערען שלום און. דו וועסט ליעב בעקומען דאס וואס דיין קאפ בעגרייפט...

און מיט א ניעדריגע שטיממע האט ער ווייטער צארטליך געזאגט:

— וועהסט דו, אונזערע געשטארבענע פאטער און מוטטער ראנגלען אין דיר היינט. דו ביסט געוועזען נאך צו יונג און האסט זיך גאר ניט אנגעשטויסען; איך האב אבער געזעהן ווי זיי האבען געליטטען. דער טאטע איז געוועזען אומגליקליך דורך דער מוטטער, וועלכע האט איהם געהאלטען פאר א זינדיגען רשע, אהן רעליגיע, אהן גלויבען, און זי האט געהאט יסורים פאר וואס איז ער אזא אפיקורס. ווען ער איז געשטארבען דורך א רייסענדיגען פולווער האט זי דאס געהאלטען פאר א שטראף פון גאט. אין איהרע אויגען איז ער פארבליעבען א פושע, א רשע וואס אפילו ביים טוידט האט ער ניט געוואלט תשובה טהון. אין אמת'ן אבער איז ער געוועזען דער ארענסטליכער מענש אין דער גאנצער וועלט, געהאט א גאלדענעם כאראקטער, א עדעלעם הארץ; דאס גאנצע לעבען האט ער נאר געגארט און געשטרעבט דערגרייכען די וואהרהייט. זיין איינציגער געדאנקען איז געוועזען אללע זאללען זיך ליעבען, אללע זאללען גליקליך זיין. צייט מיר ביידע פארברענגען גאנצע אווענדען דא אין הויז, פיהל איך ווי ער געפינט זיך צווישען אונז, זיין גייסט שוועבט איבער אונז ביידען, ער לעבט ארום אונז, אין אונז אינוועגדיג. און זי, די פרומע, די פארזארגטע, ווערט אויך לעבעדיג, זי איז אויך דא שטאנדיג, נעהמט אונז ארום מיט איהר צארטליכקייט, זי גיסט טרערען און בלייבט ביי איהר עקשנות ניט וועלען פארשטיין... עס קען זיין אז זיי האבען דאס מיך צוגעהאלטען דא אזוי לאנג, און אויך יעצט, אין דער מינוט, געפינען זיי זיך דא אומגעזעהן און בעהעפטען אונזערע הענד...

פ'ערן האט אויך געדאכט ווי איבער איהם און גילאמען שוועבט יעצט עפעס א פערבארגענער גייסט פון ליעבע און היממלישע צארטליכקייט. דאס פארגאנגענע, דאס אמאליגע איז צוריק לעבעדיג געווארען; זייער קינדהייט, די יוגענד האט איבער אנייעס פאנאנדערגעבליהט; ביידע האבען געפיהלט א וועלטענעם תענוג געמישט מיט זארג און האפפנונג.

— דוּ הֶערְסְט , בְּרוּדֶער ? דוּ בְּרוֹיכְסְט מַאכֶען אַ שָׁלוֹם צְווִישֶׁען זֵיי ; נָאר אִין דִיר קֶענְן וֶוערֶען שָׁלוֹם צְווִישֶׁען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן . פוּן טַאטֶען הָאסְטוּ גֶעיַרְשֶׁת דֶעם שְׁטֶערְן , פוּן דֶער מַאמֶע — דִי צֶארְטְלִיכֶע גוּטֶע אוֹיגֶען מִיט דִי לִיפֶּען . סְטַארֶע זִיךְ צוּ פַארְאַייְנִיגֶען זֵיי , הָאבּ לִיעבּ , טְהוּ טוֹבוֹת , זַיי זִיךְ מַפְקִיר ; הַייבּ אָן צוּרִיק לֶעבֶּען , וֶוער אַ מֶענְשׁ , גִיבּ זִיךְ אִיבֶּער , זַיי אַ מַאנְסְפֶּערְשׁוֹין !

— אָה , נַיין אוּנ נַיין ! — הָאט פֶּ יֶ ער בִּיטֶער אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן — דֶער צְוַוייפֶעל , דֶער גִיפְטִיגֶער סְפֵק הָאט זִיךְ שׁוֹין אִין מִיר אַרַיינְגֶעגְנֶבֶעט אוּנ אַלְסְדִינְג אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט , פוּן אַלְסְדִינְג אַ תֵּל גֶעמַאכְט ; קַיין זַאךְ קָאנְן שׁוֹין נִיט גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען פוּן דֶעם קַאלְטֶען שְׁטוֹיבּ ; אוֹיף דֶעם טוֹידְטֶען גְרוּנְט קָאנְן שׁוֹין קַיין זַאךְ נִיט וַואקְסֶען אוּנ אוֹיפְבְּלִיהֶען . . .

— אוּנ דָאךְ — הָאט זִיךְ גִ י לְ יָ א ם אָבְּגֶערוּפֶען מִיט אַ צוּבְּלוּטִיגְט הַארְץ — דוּ קָאנְסְט נִיט בְּלַייבֶּען אִין אַזַא צוּשְׁטַאנְד , אָפְּלֵייקֶענֶען אַלְסְדִינְג . קֵיין מֶענְשׁ קֶענְן זִיךְ נִיט אַזוֹי אָפְּלָאזֶען , בְּלַייבֶּען אַזוֹי פּוּסְט אוּנ לֶעֶר . יֶעדֶער מוּז הָאבֶּען זַיינֶע הָאפְפְנוּנְגֶען , מוּז עֶפֶּעס בֶּעגֶעהְרֶען . אָפְּלֵייקֶענֶען דִי בַּארְמְהֶערְצִיגְקַייט , אָפְּלֵייקֶענֶען דִי גֶעטְרַייהַייט אוּנ אִיבֶּערְגֶעבֶּענְהַייט , אָפְּלֵייקְנֶען דִי ווּאוּנְדֶער וָואס דִי לִיעבֶּע קָאנְן בֶּעוַוייזֶען — אָה , אִיךְ בִּין מוֹדֶה אַז אַזוֹי וַוייט וָואלְט אִיךְ שׁוֹין נִיט גֶעגַאנְגֶען . . . אוּנ יֶעצְט , אַז דוּ הָאסְט מִיר עֶנְטְדֶעקְט דַיין ווּאוּנְד , פַאר וָואס זָאל אִיךְ דִיר אוֹיךְ נִיט אַרוֹיסְוַוייזֶען מַיינֶע פֶערְבָּארְגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען , מַיין נַארִישֶׁע הָאפְנוּנג מִיט וֶועלְכֶע אִיךְ לֶעבּ ?

עֶר אִיז נָאךְ נֶאהֶנְטֶער צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם בְּרוּדֶער , אַרוּמְגֶענוּמֶען אִיהְם , צוּגֶעדְרִיקְט צוּ דֶער בְּרוּסְט אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִתְוַדֶה זַיין שְׁטִילל , גְלַייךְ עֶר וָואלְט מוֹרָא גֶעהַאט קֵיין פְרֶעמְדֶער , אוֹיסֶער דֶעם לִיעבֶּען בְּרוּדֶער , זָאל נִיט הֶערֶען .

— פַאר וָואס זָאל אִיךְ דִיר נִיט אָנְטְרוֹיעֶן מַיין סוֹד ? אֱמֶת טַאקִי , אֲפִילוּ מַיינֶע אֵייגֶענֶע זִיהֶן וַוייסֶען פוּן דֶעם נִיט , אָבֶּער דוּ בִּיסְט אַ מַאנְסְפֶּערְזָאן . דוּ בִּיסְט מַיין בְּרוּדֶער , אוּנ קוֹים אִיז דֶער גַייסְטְלִיכֶער אִין דִיר אָבְּגֶעשְׁטָארְבֶּען מֶאג אִיךְ דֶעם בְּרוּדֶער אָנְטְרוֹיעֶן מַיין גֶעהַיימְנִיסְם , מַיין סֶעקְרֶעט . דַאדוּרְךְ וֶועל אִיךְ מוּזֶען נָאךְ מֶעהְר לִיעבּ הָאבֶּען דִיךְ , אוּנ אֶנַב קָאנְן זַיין , אַז דָאס וֶועט דִיר בְּרֶענְגֶען אַ נוּטְצֶען .

אוּנ עֶר הָאט גֶענוּמֶען עֶרְצֶעהלֶען דֶעם בְּרוּדֶער וֶועגֶען זַיין עֶרְפִינְדוּנְג : וִוי עֶר הָאט אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַ מַאטֶערְיַאל וָואס רַייסְט אוּנ צוּשִׁיסְסְט , אַ נַייעֶר סָארְט פּוּלְוֶוער וָואס הָאט אִין זִיךְ אַזַא ווּאוּנְדֶערְלִיכֶע קְרַאפְט , אַז סְ'אִיז גָאר שְׁוֶוער זִיךְ פָארְשְׁטֶעללֶען וָואס פוּן אִיהְם קָאנְן אַרוֹיסְקוּמֶען . דֶעם פּוּלְוֶוער וֶועט מֶען נִיצֶען אִין אַ מִלְחָמָה ; מֶען וֶועט מַאכֶען צוּ אִיהְם עֶקְסְטְרַא אַרְמַאטֶען אוּנ מִיט אִיהְם גֶעוִויסְם מְנַצֵחַ זַיין . פוּן פַיינְדְם מִילִיטֶער וֶועט אִין עֶטְלִיכֶע שָׁעָה נִיט בְּלַייבֶּען קֵיין לֶעבֶּעדִיג נֶפֶשׁ ; דִי פֶעסְטוּנְגֶען פוּן שׂוֹנֵא וֶועלֶען צוּפְלִיהֶען , צוּרִיסֶען וֶוערֶען בַּיים

עֶרְשְׁטֶען שְׁאָס. אַ לַאנְגֶע צַייט הָאט עֶר גֶעזוּכְט, גֶעפְּרוּבְט, אִיז גֶעוֶוען אִין סָפֵק אוּנ זִיךְ אַלֵיין נִיט גֶעטְרוֹיט; יֶעצְט אָבֶער אִיז שׁוֹין אַלֶץ פַארְטִיג: עֶר וַויים שׁוֹין גֶענוֹי וִוי דֶער פּוּלְוֶוער וֶוערְט צוּנוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט, עֶר הָאט שׁוֹין אוֹיסְגֶערִיסֶעוֶועט וִוי אַזוֹי מֶען זָאל מַאכֶען דִי אַרְמַאטֶען מִיט דִי בָּאמְבֶּעס אוּנ אַלֶעס גֶענוֹי בֶּעשְׁרִיבֶּען אִין אַ טְהַייעֶרֶען דָאקוּמֶענְט, וָואס לִיעגְט בֶּעהַאלְטֶען אִין אַ זִיכֶערֶען אָרְט. לַאנְג, לַאנְג הָאט עֶר גֶעטְרַאכְט בִּיז עֶס אִיז בַּיי אִיהְם גֶעבְּלִיבֶּען, אָפְּגֶעבֶּען זַיין עֶרְפִינְדוּנְג אַ מַתָּנָה פַאר פְרַאנְקְרַייךְ, כְּדֵי זִי זָאל זַיין זִיכֶער אַז זִי וֶועט גֶעוִויס אַיינְנֶעהְמֶען, גוֹבֵר זַיין אִיהְר שׂוֹנֵא דַייטְשְׁלַאנְד אִין דֶער קִינְפְטִיגֶער מִלְחָמָה. אֱמֶת אִי, עֶר נִיט אַזַא „שְׁמָאלֶער" פַּאטְרִיָאט, צוּ לִיעבּ הָאבֶּען נָאר זַיין פָאטֶערְלַאנְד אַלֵיין; עֶר לִיעבְּט אַלֶע מֶענְשֶׁען, אוּנ זַיין אַיינְצִיגֶער וואוּנְשׁ אִיז, אַלֶע זָאלֶען בְּרִידֶערְלִיךְ אַרְבַּייטֶען, בְּרֶענְגֶען נוּטְצֶען דֶער פְרַייֶער בִּילְדוּנְג; יֶעדָאךְ גְלוֹיבְּט עֶר אַז פְרַאנְקְרַייךְ וֶועט זַיין דִי עֶרְשְׁטֶע, זִי וֶועט וַוייזֶען אַ אָנְהוֹיבּ, בִּפְרַט פַּארִיז, וָואס אִיז דֶער מִיטֶעלְפּוּנְקְט פוּן דֶער גַאנְצֶער גֶעבִּילְדֶעטֶער וֶועלְט, פוּן אִיהְר בֶּעדַארְף זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען אוּמֶעדוּם דִי לִיכְטִיגֶע שַׁיין פוּן ווִיסֶענְשַׁאפְט אוּנ אֱמֶת, גֶערֶעכְטִיגְקַייט אוּנ פְרַייהַייט. פַּארִיז הָאט שׁוֹין אַיינְמָאל גֶעוִויזֶען דֶער וֶועלְט אַ בַּיישְׁפִּיעל פוּן פְרַייהַייט אוּנ גְלַייכְקַייט, וֶוען סְ'אִיז גֶעוֶוען דִי גְרוֹיסֶע פְרַאנְצֶאזִישֶׁע רֶעוָואלוּצְיֶע. יֶעצְט בֶּעדַארְף פַּארִיז עֶנְדִיגֶען וָואס זִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען, פַּארִיז מוּז מְנַצֵחַ זַיין יֶעדֶען שׂוֹנֵא, כְּדֵי זִי זָאלל רַאטֶעוֶוען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט.

פְּיֶער הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַלֶץ וָואס דֶער בְּרוּדֶער זָאגְט, וַוייל עֶר הָאט שׁוֹין גֶעהַאט אַ שְׁטִיקֶעל יְדִיעָה דוּרְךְ בֶּערְטֶערוֹאַס לֶעקְצִיֶע וֶוענֶען דִי רַייסס-מַאטֶערְיַאלֶען; עֶר הָאט יֶעצְט אוֹיךְ פַארְשְׁטַאנֶען פַאר וָואס דֶער בְּרוּדֶער אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי אוּמְרוּהִיג דִי לֶעצְטֶע צַייט; עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַז דוּרְךְ סַאלְוַואן וֶועט מֶען עֶנְטְדֶעקֶען זַיין סֶעקְרֶעט, דֶערְוִויסֶען זִיךְ פוּן זַיין זֶעלְטֶענֶער עֶרְפִינְדוּנְג. סַאלְוַואס אַיין וָוארְט קֶען אַלֶעס אִיבֶּערְפִיהְרֶען; דֶער קְלֵיינֶער גֶעגַנְבְהֶטֶער פַּאטְרָאן, אוֹיף וֶועלְכֶען אַלֶע גֶעלֶעהְרְטֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט, קֶען אַרוֹיסְגֶעבֶּען דֶעם גַאנְצֶען סֶעקְרֶעט. גִילְיָאם הָאט גֶעוָואלְט וַוארְטֶען בִּיז סְ'וֶועט קוּמֶען דִי גֶעהֶערִיגֶע צַייט, דֶערְוַוייל בֶּעדַארְף אַלֶץ זַיין בְּסוֹד, זַיין גֶעהַיימְנִיסס וֶועט לִיעגֶען בֶּעגְרָאבֶּען אִין אַ זִיכֶערֶען אָרְט וָואס נָאר דִי בַּאבֶּע וַויים פוּן אִיהְם. אִיהְר הָאט עֶר בֶּעפָאהְלֶען וָואס זִי הָאט צוּ טְהוּן אוֹיבּ אִיהְם וֶועט פַּאסִירֶען עֶפֶּעס אַ אוּמְגְלִיק אוּנ עֶר וֶועט אוּמְקוּמֶען פוּן דֶער וֶועלְט. אוֹיף דֶער אַלְטֶער קֶען עֶר זִיךְ פַארְלָאזֶען, זִי וֶועט קֵיינֶעם נִיט צוּלָאזֶען אַהִין וואוּ דָאס גֶעהַיימְנִיסס לִיעגְט בֶּעהַאלְטֶען, זִי וֶועט שְׁוַוייגֶען אוּנ הִיטֶען...

— יֶעצְט — הָאט גִילְיָאם גֶעעֶנְדִיגְט זַיין וִדוּי — וַוייסְט דוּ מַיין הָאפְנוּנְג אוּנ מַיין אוּנְרוּה; דוּ אַלֵיין קֶענְסְט מִיר הֶעלְפֶען, אֲפִילוּ פַארְטְרֶעטֶען מַיין שְׁטֶעלֶע, אוֹיבּ אִיךְ זֶעלְבְּסְט וֶועל נִיט קָאנֶען דֶערְפִיהְרֶען בִּיז צוּם סוֹף מַיין אוֹיפְגַאבֶּע... דֶערְפִיהְרֶען בִּיז צוּם סוֹף, בִּיז צוּם סוֹף! עֶס אִיז גֶעוֶוען צַייטֶען וֶוען אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהֶערְט זֶעהֶען קְלָאר פַאר מִיר מַיין וֶועג — זִינְט אִיךְ בִּין דָא פַארְשְׁפַּארְט אוּנ

ארבערענג אין שרעקליכער אונרוה. מיך מוטשעט סאלוואַ, דער אומגליקליכער,
אם מיר אַללע זיינען שולדיג אין זיין עבירה און וועלכען מען יאגט. מען העצט
י אַ חיה רעה! די וואהנזינניגע איבערגעזאטטיגטע יחסנים וואס ווילען בעססער דער־
ריקט און פארשיטט ווערען אונטער די חורבות פון דער אלטער צופוילטער
עביידע עהדער ערלויבען מען זאל אין איהר מאכען די מינדסטע רעפעראַציע!
י אבשיילכע צייטונגען, הונגעריגע ווי וועלף, וואס פיהלען ניט קיין שום רחמנות צו
י שוואכע, עקספלאַאטירען דאס אונגליק פון פאלק, זיינען גרייט צו יעדער נידער־
ראכטיגקייט, אבי נאר פארקויפען מעהר נומערען, אנשטאפען די טאשען מיט
עלט. וואו איז דער אמת, וואו איז דער יושר? קען דען פאריז אויף אַזא
ופן מנצח זיין און רעגירען איבער דער גאנצער וועלט?...

גיליאם איז אויפגעשטאנען א ציטטערנדער פון כעס און אויפרעגונג.

— יא, ראטעוועט די מענשהייט, ליעבען זי, בעגעהרען אז אַללע זאלען זיין
לייך און פריי — דאס איז אַ שאנער געדאנקען — האט פ י ע ר זיך אבגערופען מיט
ביטטערע מינע. אבער, האר, אט ענטפערן דיר אפ פון אויבען, איבער אונזער
קאפ, די טריטט באַרטעסעס, וואס פאר זיין ליעבשאפט צו דער פרייהייט איז ער
גאנץ לעבען געזעססען אין געפאנגניסס.

גיליאם האט זיך אבער שוין בערוהיגט און ארומגעהאפט דעם ברודער
מיט ביידע האנד...

— ניין, ניין, איך בין אומגערעכט, איך רעד לשון־הרע. איך וויל דו זאלסט
יין מיט מיר, פולל האפפנונג און זיכערהייט. דו מוזט ארבייטען, מוזט ליעבען,
מוזט צוריק אויפלעבען. נאר דאס לעבען וועט דיר ברענגען פריעדען און געזונד.

— אך, ווי גערן וואלט איך געוואלט דיר גלויבען און צוריק געגעזען ווערען. אמת,
עפעס וועקט זיך שוין אין מיר, אבער צוריק אויפלעבען — דאס איז שוין אונמאגליך.
דער גייסטליכער איז אין מיר אפגעשטארבען, יעצט בין איך אַ לעערער קבר.

די טרערען האבען איהם געשטיקט, ער האט מעהר ניט געקאנט רעדען.
דעם ברודער האט אויך פארקלעמט דאס הארץ און ער האט זיך צוויינט. ביידע
האבען זיך ארומגענומען און לאנג געגאססען טרערען. זייער הארץ איז ווי צוגאנגען
אין טרויעריגער צארטליכקייט. זיי זיינען געוועזען אַליין אין דעם הייזעל, וואו זייערע
יונגע יאהרען זיינען פערפלאסען, וואו ס'האבען ארומגעשוועבט די שאטענס פון
דעם פאטער מיט דער מוטער. יעצט וויינען זיי און ווארטען ווען וועט ווערען אַ שלום
צווישען די צוויי טהייערע שאטענס און זיי וועלען זיך בערוהיגען אין דער פייכטער ערד.

דורך דעם ברייטען אפפענעם פענסטער האט זיך אַריינגעגאססען די וואַרימ־
קייט פון דער פינסטערער נאכט, און דארט ווייט אונטער דעם דונקעלען הימעל
מיט די מיליארדען שטערען ליעגט פארוויקעלט און איינגעשלאפערט אין אַ לייכטען
טומאן די גרויסע שטאדט פאריז...

# דְרִיטֶער טְהֵייל

## I.

מִיטְוָואךְ, דִי פִירְטֶע וָואךְ פַאר פֶּסַח, אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיווִילְיַארְס פַּאלַאץ אַ גְרוֹיסֶער בַּאזַאר אוּנ דִי הַכְנָסָה אִיז בֶּעשְׁטִימְמְט גֶעוָוארֶען פַאר'ן פְרִייט פוּן דִי אַלְטֶע אַרְבֵּייטֶער. דְרַייא גְרוֹיסֶע סַאלָאנֶען מִיט דִי פֶּענְסְטֶער אִין הוֹיף הָאט מֶען אָבְּגֶעטְהֵיילְט פַאר'ן פּוּבְּלִיקוּם וָואס וֶועט קוּמֶען קוֹיפֶען; בִּיז פִינְף טוֹיזֶענְד בִּילֶעטֶען זַיינֶען צוּשִׁיקְט גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען אַלְלֶע קְלַאססֶען אַיינְוָואהנֶער פוּן פַּארִיז. דֶער בַּאזַאר אִיז גֶעוֶוען אַ מִין פְּרָאטֶעסְט גֶעגֶען דִי אַנַארְכִיסְטֶען, וָואס שְׁרַייעֶן אַז דִי רַייכֶע טְהוּעֶן גָאר נִישְׁט פַאר'ן פָאלְק: אָט אִין דֶעם פַּאלַאץ, וָואס עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג הָאט עֶר גֶעלִיטְטֶען פוּן דֶער בָּאמְבֶּע, אִיז יֶעצְט אַ מַארְק פַאר צְדָקָה, טְהִיר אוּנ טוֹיעֶר זַיינֶען אָפְפֶען, וֶוער עֶס ווִילל קֶענְן אַרַיינְקוּמֶען.

אִין דֶער שְׁטִילל הָאט מֶען עֶרְצֶעהלְט, אַז אַ גַאנְצֶע מַחֲנֶה פַארְקְלֵיידֶעטֶע פָאלִיצִיסְטֶען שְׁטֶעהֶען אוּנ הִיטֶען דִי גַאסס גָאדָא־דֶע־מַארוּאַ אוּנ אַלְלֶע נֶעבֶּענְגֶאססְלֶעךְ.

דֶער גְרָאסְאַרְטִיגֶער אַיינְפַאל מַאכֶען אִין פַּאלַאץ אַ בַּאזַאר אִיז גֶעוֶוען דִיווִילְיַארְס אַייגֶענֶע הַמְצָאָה, אוּנ דִי בַּארָאנֶעססֶע הָאט גֶעמִיזְט נָאכְגֶעבֶּען, נֶעהמֶען אוֹיף זִיךְ אַלְלֶע קְלָאפָּאטֶען צוּלִיעבּ דֶעם פְּרִיוּט וָואס שְׁטֶעהט אוּנְטֶער אִיהר שׁוּטְץ. אַ טָאג פְרִיהֶער אִיז אִין „גְלָאבּ“ גֶעדְרוּקְט גֶעוֶוען אַ שֶׁאנֶער אַרְטִיקֶעל פוּן דֶעם רֶעדַאקְטָאר פָאנְסֶעג אַלֵיין, צוּ אוֹיפְוַוייזֶען ווִי עֶדֶעל, ווִי פַיין, ווִי רִיהרֶענְד אִיז פוּן דֶער בַּארָאנֶעססֶעס זַייט צוּ אָפְפֶערֶען אִיהר צַייט, אִיהר גֶעלְט אוּנ זָאגַאר אִיהר הוֹיז צוּם נוּטְצֶען פוּן דִי אָרִימֶע לַייט, נָאכְדֶעם אַז דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער פַארְבְּרֶעכֶען הָאט שִׁיעֶר נִיט צוּשִׁיטֶעט אוֹיף בְּרֶעקְלִיךְ אָט דֶעם זֶעלְבֶּען הוֹיז. בֶּעדַארְף מֶען נָאךְ אַ שֶׁאנֶערֶע, אַ אֵיידֶעלֶערֶע אַנְטְוָוארְט אוֹיף דִי טַעֲנוֹת פוּן דִי ווִילְדֶע הֶפְקֵר־יוּנְגֶען, וָואס בֶּעפַאללֶען דִי רַייכֶע אוּנ בֶּעשׁוּלְדִיגֶען זֵיי, אַז זֵיי שְׁטֶעקֶען נִיט אַרַיין אַ פִינְגֶער אִין קַאלְט וַואססֶער פַאר דִי אָרִימֶע?

דִי טְהִירֶען פוּן פַּאלַאץ הָאבֶּען גֶעזָאלְט זִיךְ אֶפְפֶענֶען אוּם צְוֵויי אַ זֵייגֶער אוּנ פַארְמַאכְט וֶוערֶען אוּם זִיעבֶּען, אַלְזָא גַאנְצֶע פִינְף שָׁעָה וֶועט דֶער בַּאזַאר דוֹיעֶרֶען. זֵייגֶער צְוֶועלְף, וֶוען אוּנְטֶען הָאט מֶען עֶרְשְׁט גֶעמַאכְט דִי הֲכָנוֹת, פַארְפּוּצְט דִי קְרֶעמְלִיךְ, אוֹיסְגֶעשְׁטֶעללְט דִי סְחוֹרוֹת אוֹיף דִי טִישְׁלֶעךְ, אִיז אוֹיבֶּען גֶעוֶוען, ווִי גֶעוֶועהנְלִיךְ, אַ הֵיימִישֶׁער פְרִיהשְׁטִיק, פַאר עֶטְלִיכֶע נָאהנְטֶע גוּטֶע־פְרַיינְד.

דִי בַּארָאנֶעססֶע חַוָּה הָאט יֶענֶעם פְרִיהמָארְגֶען אוֹיסְגֶעזֶעהן נָאךְ מֶעהר מִיעד אוּנ פוֹיל ווִי שְׁטֶענְדִיג; דָאס גֶעזִיכְט אִיז גֶעוֶוען בְּלַאסס; טִיעף אִין אִיהרֶע שֶׁאנֶע

...ו גֶעלֶעגֶען בֶּעהַאלְטֶען אַ שְׁטִילְלֶע פֶּערְבָּארְגֶענֶע זָארְג. גֶעזָאגְט הָאט זִי, אַז זִי ...הט אַזוֹי אוֹיס פוּן גְרוֹיס מִיעדְקַייט, זִי הָאט זִיךְ שְׁטַארְק אָנְגֶעהָארֶעוֶועט מִיט דִי ...נות צוּם בַּאזַאר; דִי אֱמֶתֶע אוּרְזַאכֶע אִיז אָבֶּער גֶעוֶועזֶען גָאר אַ נְ'אַנְדֶערֶע: שׁוֹין ...ף טָאג מַיידְט זִי דֶער גֶעלִיעבְּטֶער זְשֶׁערַאר אוּנ וִוילל בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט זֶעהֶן ...ז מִיט אִיהר.

הַיינְטִיגֶען טָאג אִיז דִי בַּארָאנֶעסֶע גֶעוֶועזֶען זִיכֶער אַז זִי וֶועט אִיהם שׁוֹין גֶעוִויס ...ן, דַארוּם הָאט זִי וַוייטֶער אָנְגֶעטְהוּן אַ וַוייסֶע זַיידֶענֶע קְלֵייד, אִין וֶועלְכֶער זִי ...ט אוֹיסְגֶעזֶעהֶן זֶעהר יוּנְג. גָאר אָבְּוָואהל זִי אִיז נָאךְ אַלְץ גֶעוֶועזֶען זֶעהר שֶׁאן, ...ט דֶער עֶדְלֶער הוֹיט פוּן אַ בְּלָאנְדִינְקֶע, מִיט דֶער רָאסְקָאשְׁנֶער טַאלְיֶע אוּנ דָאס ...נֶע גֶעזִיכְט, אָבֶּער דִי זֶעקְס־אוּנ־פֶערְצִיג יָאהר זַיינֶען שְׁטַארְק קֶאנְטִיג גֶעוֶועזֶען אוֹיף ...ר מַרְאֶה פוּן אִיהר פָּנִים וְואס פְלֶעגְט זֶעהר אָפְט בֶּעדֶעקְט וֶוערֶען מִיט רוֹיטֶע פְלֶעקֶען; ...יף דִי פַארְוֶועלְקְטֶע לִיפֶּען, אוֹיף דִי ווִינְקֶלֶען פוּן שֶׁאנֶעם שְׁטֶערֶען.

דִי טָאכְטֶער קַאמִילְלַא, אָבְּוָואהל זִי הָאט גֶעזָאלְט זַיין הַיינְט אֵיינֶע פוּן דִי ...שְׁטֶע וַויכְטִיגְסְטֶע פֶּערְקוֹיפֶערִינְס, יֶעדָאךְ אִיז זִי גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי אִיהר עַקְשָׁנוּת אוּנ ...גֶעטְהוּן אַ דוּנְקֶעלֶע קְלֵייד, וָואס פַּאסְט גָאר נִיט פַאר אַ יוּנְג פְרַיילַיין. „אִיךְ וִויל ...יסְזֶעהֶען וִוי אַ אַלְטֶע בָּאבֶּע" הָאט זִי גֶעזָאגְט מִיט אִיהר שְׁנַיידִיגֶען גֶעלֶעכְטֶער. ...ער אִיהר לַאנְג בֶּאז פָּנִים הָאט גֶעבְּרֶענְט פוּן אַ פַארְבָּארְגֶענֶע פְרֵייד; אִין דִי ...יגֶען הָאט גֶעלַייכְט אַזוֹי פִיעל שֵׂכֶל, אַז זִי הָאט כִּמְעַט אוֹיסְגֶעזֶעהֶן וִוי אַ שֶׁאנְהַייט. ...ילוּ דִי קְרוּמֶע פְלֵייצֶע אִיז הַיינְט וֶוענִיגֶער קֶאנְטִיג גֶעוֶועזֶען.

אִין קְלֵיינֶעם בְּלוֹיעֶן גַאסְטְצִימֶער, וואוּ חַוָה מִיט דֶער טָאכְטֶער הָאבֶּען ...גֶעוַוארְט דִי גֶעסְט צוּם פְרִיהשְׁטִיק, הָאט חַוָה גֶעהַאט דִי עֶרְשְׁטֶע הַארְצְקְרֶענְקוּנְג ...רֶעהֶענְדִיג דֶעם גֶענֶערַאל בֶּעזָאנְגֶע אַלֵיין, אָהן דֶעם פְלֶעמֶענִיק. דֶער ...נֶערַאל הָאט עֶרְקְלֶערְט דִי אוּרְזַאכֶע, פַאר וָואס זְשֶׁערַאר אִיז נִיט גֶעקוּמֶען: ...אַדָאם דֶע־קֶענְסַאק אִיז פוּן אִין דֶער פְרִיה עֶטְוָואס אוּנְוָואהל אוּנ זְשֶׁערַאר, ...ם גוּטֶער זוּהְן, אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי אִיהר. אִיבֶּרִיגֶענְס תֵּכֶף נָאךְ פְרִיהשְׁטִיק וֶועט עֶר ...מֶען אוֹיפְ'ן בַּאזַאר. וֶועהְרֶענְד דִי בַּארָאנֶעסֶע הָאט אוֹיסְגֶעהֶערְט זַיינֶע וֶוערְטֶער ...ן זִיךְ גֶעסְטַארֶעט בֶּעהַאלְטֶען אִיהר אוּמְרוּהֶה אוּנ זָארְג, וָואס אוּנְטֶען, אוֹיפְ'ן ...אזַאר, וֶועט זִי נִיט קֶאנֶען אַרוֹיסְרוּפֶען דֶעם גֶעלִיעבְּטֶען עֶר זָאל אִיהר עֶרְקְלֶערֶען ... אוּרְזַאכֶע — הָאט דִי טָאכְטֶער זִי אוֹיפְגֶעגֶעסֶען מִיט דִי אוֹיגֶען. דִי מוּטְטֶער הָאט ...פִיהלְט אַז עֶס וַוארְט אוֹיף אִיהר עֶפֶּעס אַ צָרָה אוּנ הָאט אַ בְּלַאסֶע, אַ צוּטְרָאגֶענֶע ...קוּק גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דֶער טָאכְטֶער.

נָאכְדֶעם אִיז אַרַיינְגֶעפְלוֹיגֶען וִוי אַ וִוינְד דִי פִּירְשְׁטִין רָאזֶעמָאנְדַא; זִי הָאט ...יךְ גֶעזָאלְט זַיין הַיינְט אַ פֶּערְקוֹיפֶערִין, אוּנ דִי בַּארָאנֶעסֶע הָאט זִי לִיעב גֶעהַאט ...אר אִיהר גֶעשִׁיקְטְקַייט אוּנ פְרֶעהְלִיכְקַייט. זִי אִיז גֶעוֶועזֶען הַיינְט אָנְגֶעטְהוּן אִין ... אַטְלַאסֶענֶע, פַייעֶר־קָאלִיעֶרֶענֶע קְלֵייד, דִי הָאר גֶעקְרַייזֶעלְט, אוּנ בַּאלְד וִוי זִי אִיז ...רַיינְגֶעלָאפֶען וִוי אַ פַארְשַׁייט יוּנְגֶעל הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְלַאפְלֶען, פְלוֹידֶערְן.

לַאבֶען , עֶרְצֶאהלֶען עֶפֶּעס אַ גֶעשִׁיכְטֶע ווִי אוֹיפְ'ן גַאס הָאט מֶען שִׁיער נִיט צוּטְרָאגֶען אִיהְר קַארֶעטֶע . קוּים אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען דֶער בַּארָאן דִיוְווילְיַאר מִיט הִיאַצִינְט , הָאבֶּען דִי פִּירְשְׁטִין בַּאלְד זִיךְ גֶענוּמֶען צוּם זוּהְן , צוּגֶעקְלֶעבְּט גֶעוָוארֶען צוּם אִיהְם אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטְרָאפֶען , פַאר וָואס הָאט עֶר זִי גֶעלָאזְט גֶעסְטֶערְן וַוארְטֶען בִּיז צֶעהְן אַ זֵייגֶער אוּנ נִיט גֶעהַאלְטֶען וָוארְט : קוּמֶען אוּנ פְאהֶרֶען מִיט אִיהְר עֶרְגֶעץ אִין אַ קַאבַּאק אוֹיף מָאנְמַארְטְר וואוּ מֶען זָאגְט אַז דָארְט קוּמֶען פָאר מוֹרָאדִיגֶע זַאכֶען . הִיאַצִינְט הָאט מִיט אַ אוּנְצוּפְרִידֶענֶער מִינֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט , אַז זַיינֶע חֲבֵרִים הָאבֶּען אִיהְם פַארְשְׁלֶעפְּט צוּ אַ מַאגִיקֶער : דָארְט הָאט אַ גַייסְט גֶעלֶעזֶען לִיבֶּעס־לִיעדֶער .

בַּאלְד אִיז גֶעקוּמֶען פָאנְסֶעג מִיט דֶער פְרוֹי , אַ הוֹיכֶע , אַ דַארֶע , אַ שְׁווַייגֶעדִיגֶע עֶר הָאט נִיט לִיעבּ גֶעהַאט פִיהְרֶען זִי מִיט זִיךְ אִין גֶעזֶעלְלְשַׁאפְטֶען ; הַיינְטִיגֶעס מָאל הָאט עֶר אָבֶער גֶעמוּזְט זִי מִיטְנֶעהְמֶען , ווַייל זִי אִיז גֶעוֶוען אַיינֶע פוּן דִי בֶּעשִׁיצֶערִינָם פוּן פְּרִיוּט וואוּ עֶר אִיז אַדְמִינִיסְטְרַאטָאר . פָאנְסֶעג הָאט גֶענוּמֶען רֶעדֶען מִיט דֶער בַּארָאנֶעסֶע וֶועגֶען פְּרִיוּט .

— נוּ , הָאט אִיהְר זִיךְ גֶעזֶעהְן מִיט'ן גַייסְטְלִיכֶען פְרָאמָאן וֶועגֶען דֶעם אַלְטֶען לַאוְויָאוו וָואס עֶר הָאט מִיט אַזָא הִיטְץ גֶעבֶּעטֶען פַאר אִיהְם ? אִיהְר וַוייסְט אַז אַלְלֶע פָארְמַאלְנָאסְטֶען זַיינֶען גֶעמַאכְט אוּנ יֶעצְט קָאנְן מֶען אִיהְם אַרַיינְנֶעהְמֶען סְ'אִיז דָא אַ פְרַייֶע בֶּעט .

— אִיךְ וַוייס , נָאר אִיךְ קֶען גָאר נִיט בֶּעגְרַייפֶען וואוּ אִיז דֶער גַייסְטְלִיכֶער נֶעלְם גֶעוָוארֶען . שׁוֹין בַּאלְד אַ מָאנַאט וַוייזְט עֶר זִיךְ נִיט פַאר דִי אוֹיגֶען . עֶנְדְלִיךְ אִיז בַּיי מִיר גֶעבְּלִיעבֶּען שְׁרַייבֶּען אִיהְם אַ צֶעטְטֶעל אוּנ אַיינְלַאדֶען הַיינְט אוֹיף מַיין בַּאזַאר . . . אוֹיף אַזָא אוֹפֶן וֶועל אִיךְ אַלֵיין , מִיט מַיין אַייגֶען מוֹיל , אִיהְם אָנְזָאגֶען דִי גוּטֶע בְּשׂוֹרָה .

— טַאקִי דַארוּם הָאבּ אִיךְ אִיהְם נִיט גֶעוָואלְט מוֹדִיעַ זַיין אָפִּיצִיעֶל , כְּדֵי אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען דֶעם פֶערְגְנִיגֶען . זֶעהְר אַ לִיעבֶּער גַייסְטְלִיכֶער , נִיט וַואהְר ?

— אֶ יָא , זֶעהְר אַ לִיעבֶּער . מִיר אַלְלֶע הָאבֶּען אִיהְם שְׁטַארְק לִיעבּ .

דֶעם שְׁמוּעֶס הָאט אִיבֶּערְגֶערִיסֶען בַּארָאן דִיוְווילְיַאר , וֶועלְכֶער אִיז צוּגֶעקוּמֶען אוּנ גֶעזָאגְט אַז מֶען דַארְף נִיט וַוארְטֶען אוֹיף דוּטִיל , ווַייל דִי מִינוּט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַ דֶעפֶּעשֶׁע פוּן דֶעם יוּנְגֶען דֶעפּוּטַאט , אַז אִיבֶּער אַ נֶאטְהִיגֶען גֶעשֶׁעפְט מוּז עֶר זִיךְ פַארְשְׁפֶּעטִיגֶען . פָאנְסֶעג הָאט אוּנְרוּהִיג אַקוּק גֶעגֶעבֶּען אוֹיפְ'ן בַּארָאן : אֶפְשַׁר הָאט עֶס אַ שַׁייכוּת מִיט דֶעם סְקַאנְדַאל פוּן דִי אַפְרִיקַאנִישֶׁע אַייזֶענְבַּאהנֶען , וָואס סַאנְיֶע , דֶער רֶעדַאקְטָאר פוּן „פְאלְקְס שְׁטִימְמֶע" הָאט וַוייטֶער גֶענוּמֶען שְׁרַייבֶּען פַייֶערִיגֶע אַרְטִיקְלֶען דַארִיבֶּער ? אָבֶער דֶער בַּארָאן הָאט אַ שְׁמַייכֶעל גֶעטְהוּן אוּנ אִיהְם אִין דֶער שְׁטִילְל בֶּערוּהִיגְט :

— סְ'אִיז גָאר נִישְׁט . אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אִין אַ שְׁלִיחוּת אוּנ עֶר קֶענֶען מִיר בְּרֶענְגֶען אַ תְּשׁוּבָה עֶרְשְׁט אִין אַ שָׁעָה אַרוּם .

נאכדעם האט ער אבגעפיהרט דעם רעדאקטאר אן א זייט.

— אין איין וועגס פארגעסט ניט אפדרוקען די עטליכע ווארטער וואס איהר זט מיר פארשפראכען.

— וועלכע עטליכע ווארטער? אך יא, וועגען דעם אבענד וואו סילוויאנא זט געלעזען שירים ... איך האב טאקי אליין געוואלט רעדען מיט אייך זריבער. איהר ווייסט, מיר איז די זאך ניט זעהר בעקוועם — צופיעל לויבט ען זי ...

דער באראן, וואס איז ביז יעצט געווען אזוי רוהיג און שטאלץ, איז פלוצלינג לאס און שרעקליך אומרוהיג געווארען.

— מיר איז דורכאוים נאטהיג אז די עטליכע ווארטער זאלען זיין געדרוקט, יעבער פריינד. זאנסט ברענגט איהר מיר אין דער גרעסטער פערלעגענהייט — יך האב פארשפראכען סילוויאנען אז דאס וועט געוויסס געדרוקט ווערען.

— נו, גוט גוט — האט פאנסעג געענטפערט און אין הארצען זיך געפרייט ון באראנס שוואכקייט — קוים איז דאס אזוי וויכטיג, גיב איך אייך מיין עהרען ארט אז עס וועט זיין אפגעדרוקט.

אללע געסט זיינען שוין געקומען, אויסער זשעראר און דוטיל. די געזעלשאפט יז אריבערגעגאנגען אין עס-צימער און פון אונטען, פון די באזאר-סאלאנען, האט זען געהערט די קלעפ פון האמער וואס דער שפאלירער קלאפט, אויפצופוצען י קראמליך.

דעם פריהשטיק האט מען געגעססען האפענדיג עטליכע מאל זיינען אין ער מיטט געקומען די בעדיענער פון אונטען, פראגען און אבגעבען רעכנונג וואו י ארבייט האלט. מען האט געטראסקעט מיט די טהירען, די וואנד האבען געציטטערט, די ארבייט האט געברענט. אללע זיינען געווען ווי אין פיבער. דאס געשפרעך ביים פריהשטיק איז געגאנגען אהן לאד, מען איז אריבערגעשפרונגען פון איין זאך אויף דער צווייטער. דער גענעראל האט דערמאנט דעם סליעדאוואטעל אמאדיא פאר וואס ער איז ניט געקומען. דארויף האט די באראנעססע געענטפערט אז ער איז אזוי שמארק פארנומען אין געריכט, אז זי האט גאר ניט געוואלט איהם איינלאדען צום פריהשטיק. דאך האפפט זי, אז ער וועט היינט קומען צופאהרען און מיטהעלפען צו דער צדקה-זאך. — פאנסעג האט זיך געדייצט מיט דער פירשטין ראזעמאנדרא פאר איהר קלייד פון פייער-קאליער; געוויס פיהלט זי אין דעם קלייד דעם פייער פון גיהנום ... באראן דיוויליאר איז געווען זעהר פריינדליך און בעדיענט דער שוויינגעדיגער מאדאם פאנסעג, וואס איז געזעססען נעבען איהם, און היאצינט האט גענומען ערקלערען דער פירשטין עפעס א פאקט פון א מאגיקער. קאמיללא, וואס איז יעצט געווען זעהר ערעגט און גליקליך, האט פון צייט צו צייט געווארפען א ברענענדיגען בליק אויף דער מוטער, וועלכע איז אלץ מעהר אונרוהיג און טרויעריג געווארען. די שנאה צווישען די ביידע

פְרויֶען הָאט גֶעפְלַאקֶערְט אָהן רַחֲמָנוּת אוּנ דִי בַּארָאנֶעסֶע אִיז גְרֵייט גֶעוֶועזֶען פִיהרֶען אֶפּפֶען מִיט דֶער טָאכְטֶער אַ מִלְחָמָה אוֹיפְ'ן טוֹידְט.

נָאכְ'ן דֶעסֶערְט הָאט קַאמִילַלא זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אַז אַלֶע זָאלֶען הֶערֶען:

— אָה, רֶעדְט מִיר שׁוֹין נִיט פוּן דִי אַלְטֶע קָאקֶעטְקֶעס. ס'אִיז נָאר צוּם לַאכֶען וִוי זֵיי שְׁמִירֶען זִיךְ, פַארְבֶּען זִיךְ, טְהוּעֶן זִיךְ אָן וִוי דִי יוּנְגֶע מֶאדֶערִיךְ. אִין אֱמֶת זַיינֶען דָאס אוֹיסְוואוּרְפֶען, אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶע מֶענְשֶׁענְפְרֶעסֶער. עֶס נֶעהמְט מִיר אַ עֶקֶעל!

חַוָה אִיז נֶערְוֶואז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן אָרְט אוּנ גֶעבֶּעטֶען פֶערְצַייהוּנְג בַּיי דֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט.

— פֶערְצַייהֶעט וָואס אִיךְ לָאז אַייךְ נִיט רוּהִיג לֶאנְגֶער זִיצֶען. הַיינְט אִיז אֲפִילוּ קֵיין צַייט נִיטָא צוּ פְרִישְׁטִיגֶען וִוי גֶעהֶארִיג. אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז מִיר וֶועלֶען נִיט אוֹיסְפֶּעיֶען אוֹיסְטְרִינְקֶען דִי קַאוֶוע... יֶעדֶענְפַאללְס מוּז מֶען הָאטְשׁ אַ מִינוּט אָפְּרוּהֶען.

דִי קַאוֶוע הָאט מֶען דֶערְלַאנְגְט אִין דֶעם קְלֵיינֶעם, בְּלוֹיֶען גַאסְטְצִימֶער, ווּאוּ ס'אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ וואוּנְדֶער־שֶׁאנֶע קָארְבּ מִיט גֶעלֶע רוֹיזֶען, וֶועלְכֶע דִי בַּארָאנֶעסֶע הָאט שְׁטַארְק גֶעלִיעבְּט. דִיוִוילַאר מִיט פָאנְסֶענג זַיינֶען אַרַיין אִין קַאבִּינֶעט, רוֹיכֶען אַ צִיגַאר אוּנ שְׁמוּעֶסֶען אַ בִּיסֶעל. דִי טְהִיר הָאבֶּען זֵיי גֶעלָאזְט אָפְּפֶען אוּנ מֶען הָאט גֶעהֶערְט זֵייעֶרֶע עֶרְנְסְטֶע בַּאסס־שְׁטִימֶען. גֶענֶערַאל בֶּעזָאנְגֶע אִיז גֶעוֶועזֶען גְלִיקְלִיךְ וָואס עֶר הָאט אִין פָאנְסֶענְס פְרוֹי גֶעפוּנֶען אַ עֶרְנְסְטֶע הֶערֶערִין, וֶועלְכֶע הָאט גֶעדוּלְדִיג אוּנ שְׁלָאנְגְט נִיט אִיבֶּער יֶענֶעמְס רֵייד, אוּנ עֶר הָאט גֶענוּמֶען עֶרְצֶעהלֶען אִיהר אַ לַאנְגֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן אַ אָפִיצִיעֶרְס וַוייבּ, וִוי זִי אִיז נָאכְגֶעגַאנְגֶען דֶעם מַאנְן אִין אַלֶע מִלְחָמוֹת אִין יָאהְר 1870. הֶעַאצִינְט הָאט קֵיין קַאוֶוע נִיט גֶעטְרוּנְקֶען. עֶר פְלֶעגְט דָאס אָנְרוּפֶען „אַ מַשְׁקֶה פַאר קֶעכְנֶעם”. אוֹיף אַ ווַיילֶע הָאט עֶר זִיךְ בֶּעפְרַייט פוּן דֶער פִירְשְׁטִין אוּנ צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער שְׁוֶועסְטֶער.

— דוּ וֵוייסְט, ס'אִיז זֶעהְר נַארִישׁ פוּן דַיין זַייט וָואס דוּ בִּיסְט יֶעצְט אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען גֶעגֶען דֶער מוּטֶער. מִיר אִיז אַלְץ אַיינְס, אָבֶּער פְרֶעמְדֶע קָאנֶען דָאס בֶּעמֶערְקֶען — ס'אִיז פְּרָאסְט אַ חֶרְפָּה פַאר לַייטֶען.

קַאמִילַלא הָאט אִיהם שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט מִיט אִיהְרֶע שְׁווַארְצֶע אוֹיגֶען.

— אִיךְ בֶּעט דִיךְ זֶעהְר, קְרִיעךְ נִיט אִין פְרֶעמְדֶע גֶעשֶׁאפְטֶען.

הֶעַאצִינְט הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען, פִיהלֶענְדִיג אַז דָא וֶועט בַּאלְד אוֹיסְבְּרֶעכֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁטוּרְם, אוּנ אִיז תֵּכֶף צוּרִיק אַוֶועק צוּ דֶער פִירְשְׁטִין. אַרַיינְגֶעפִיהרְט זִי אִין גְרוֹיסֶען שֶׁאנֶעם גַאסְט־צִימֶער אוּנ גֶעוִוויזֶען אַ נַייֶע קַארְטִינֶע, וָואס דֶער פָאטֶער הָאט גֶעסְטֶערְן גֶעקוֹיפְט. דֶעם גֶענֶערַאל הָאט עֶר אוֹיךְ אַרַיינְגֶערוּפֶען אוּנ דֶער הָאט מִיט זִיךְ מִיטְגֶעפִיהרְט דֶער מַאדַאם פָאנְסֶענג.

דִי מוּטֶער מִיט דֶער טָאכְטֶער זַיינֶען גֶעבְּלִיעבֶּען אַלֵיין חַוָה הָאט זִיךְ אַ צוּשְׁלָאגֶענְע, אַ אָבְּגֶעשְׁוַואכְטֶע, אָנְגֶעשְׁפַּארְט צוּם קַיילֶעכְדִיגֶען טִישׁ — פוּן קְלֵיינְכְטֶען

גַּגְמַת־נֶפֶש פְלֶעגְט זִי בְלַייבֶּען אָהן כּחות. אִיהְר הַארְץ אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי וַוייךְ, אַז יֶעדֶע מִינוּט אִיז זִי גֶעוֶוען גְרֵייט אויסְזֶעצֶען מִיט אַ גֶעוֵויין. פַאר וָואס הָאט דִי אֵייגֶענֶע טָאכְטֶער זִי אַזוֹי פַיינְד? פַאר וָואס ווילל זִי אַזוֹי אוּנְעֶרְבַּארְמִיג פַארְשְׁטֶערֶען דִי פְרֵייד פוּן אִיהְר לֶעצְטֶע לִיעבֶּע?

מֶעהְר טְרוֹיעֶרִיג וִוי אִין כַּעַס הָאט זִי גֶעקוּקְט אוֹיף דֶער טָאכְטֶער אוּנ אִין קָאפּ אִיז אִיהְר פְלוּצְלִינְג אַרַיין אַ נַארִישֶׁער גֶעדַאנְקֶען אָפְּשְׁטֶעללֶען קַאמִיללֶען, ווֶען יֶענֶע הָאט גֶעוָואלְט אַרויסְגֶעהְן אִין גַאסְטְצִימֶער, אוּנ מַאכֶען אִיהְר אַ בֶּעמֶערְקוּנְג וֶועגֶען אִיהְר הַיינְטִיגֶען טוּאַלֶעט.

— אוּמְזָאנְסְט, מַיין אָרִימֶע, קְלֵיידְסְט דוּ דִיךְ שְׁטֶאנְדִיג וִוי אַ אַלְטֶע. דָאס פַּאסְט דִיר גָאר נִיט.

אִין דֶעם בְּלִיק פוּן אִיהְרֶע שֶׁאנֶע אוֹיגֶען אִיז קֶאנְטִיג גֶעוֶוען וִוי זִי פִיהלְט מִיטְלֵייד צוּ דֶער מַאוּסֶער מֵיידֶעל, וָואס בְּשׁוּם אוֹפֶן קֶאנֶן זִי זִיךְ נִיט גֶעוָואהנֶען בֶּעטְרַאכְטֶען זִי פַאר אַ אֵייגֶען טָאכְטֶער. אִיז דֶען מֶעגְלִיךְ אַז זִי, דִי שֶׁאנֶע בַּארָאנֶעסֶע, זָאל קֶאנֶען גֶעבוֹירֶען אַזַא מַאוּסַקֵייט מִיט אַ הָארֶב, קְרוּמֶע לֶענְדֶען, לַאנְגֶע הֶאנְד מִיט אַ פְּרָאפִיל פוּן אַ שְׁוַוארְצֶער צִיעג?

קַאמִילַלא הָאט זִיךְ אוּמְגֶעדְרֶעהְט, גְלַייךְ וִוי עֶמִיצֶער וָואלְט אִיהְר אַ שְׁנִיטְט גֶעטְהוּן מִיט אַ בַּייטְשׁ אִיבֶּערְ'ן פָּנִים. זִי אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער מוּטֶטֶער.

— דוּ גֶעפִינְנְסְט אַז אִיךְ קְלֵייד מִיךְ מַאוּס... הָאסְטוּ גֶעבְרוּיכְט בֶּעצֵייטֶענְס בֶּעשֶׁאפְטִיגֶען זִיךְ מִיט מִיר, וֶועהן אַז מַיינֶע קְלֵיידֶער זָאלֶען זַיין נָאךְ דַיין גֶעשְׁמַאק, אויסְלֶערְנֶען מִיךְ דַיין קוּנְסְט צוּ זַיין שֶׁאן.

חַוָה הָאט שׁוֹין חֲרָטָה גֶעהַאט וָואס זִי הָאט אַרויסְגֶעפָאדֶערְט דִי טָאכְטֶער.

— גֶענוּג, עֶרְגֶער דִיךְ נִיט, שְׁוַוייג — מֶען קֶאן נָאךְ אוּנְז הֶערֶען... אִיךְ הָאבּ דִיךְ לִיעבּ גֶעהַאט...

קַאמִילַלא הָאט זִי אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען מִיט אַ בִּיטֶערֶען גֶעלֶעכְטֶער:

— אוֹי הָאסְטוּ מִיךְ לִיעבּ גֶעהַאט!... אָרִימֶע מוּטֶטֶער, סְ'אִיז נָאר צוּם לַאכֶען פוּן דַיינֶע וֶוערְטֶער. צוּ הָאסְט דוּ אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִימֶעצֶען לִיעבּ גֶעהַאט אִין דַיין לֶעבֶּען? פַארְשְׁטֶעהְסְט דוּ דֶען וִוי אַזוֹי מֶען דַארְף אַ קִינְד לִיעבּ הָאבֶּען? דוּ הָאסְט זִיךְ קֵיינְמָאל נִיט אִינְטֶערֶעסִירְט מִיט מִיר, הָאסְט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט זָאגַאר מוֹדֶה זַיין אַז אִיךְ בִּין דַיין טָאכְטֶער. אֲפִילוּ יֶעצְט קוּקְסְט דוּ אוֹיף מִיר וִוי אוֹיף אַ פַּארְוֶועהֶענִי"שׁ, קֶענְסְט מִיךְ נִיט אָנְקוּקֶען.

אוּנ עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁטִילֶלֶע סְצֶענֶע צְוִוישֶׁען מוּטֶטֶער אוּנ טָאכְטֶער. דִי לַאנְג אַיינְגֶעהַאלְטֶענֶע שִׂנְאָה, דֶער כַּעַס הָאט אויסְגֶעבְּרָאכֶען וִוי אַ שְׁטוּרְם־וִוינְד. פוּן קַאמִילְלַאס מוֹיל הָאט גֶעשִׁיטְט שְׁוֶועבֶּעל אוּנ פַייעֶרִיגֶע קוֹילֶען.

— אִיךְ הֵייס דִיר דוּ זָאלְלְסְט שְׁוַוייגֶען, קַאמִילְלַא! אִיךְ קֶען נִיט לַיידֶען וִוי דוּ רֶעדְסְט מִיט מִיר אִין אַזַא טָאן.

— אִיךְ קֶענְן נִיט שְׁוַוייגֶען קוֹים בֶּעלֵיידִיגְסְט דוּ מִיךְ. עֶס קָאנְן זַיין אִיךְ בִּין

אומְגֶערֶעכְט וָואס אִיךְ קְלֵייד מִיךְ וִוי אַ אַלְטֶע, אָבֶער אַ נְ'אַנְדֶערֶער אִיז נָאךְ טוֹיזֶענְד מָאל מֶעהר אומְגֶערֶעכְט וָואס עֶר קְלֵיידְט זִיךְ וִוי אַ יוּנְג מֵיידֶעלֶע... וִוי אַ כַּלָה..

— וִוי אַ כַּלָה? אִיךְ פַארְשְׁטֵיי נִיט.

— דוּ פַארְשְׁטֶעהסְט זֶעהר גוּט... דָאךְ וָואלְסְט דוּ בֶּעדַארְפְט וִויסֶען, אַז נִיט אַלֶע הַאלְטֶען מִיךְ פַאר אַזַא מָאוּסְקַייט וִוי דוּ סְטַארֶעסְט דִיךְ מִיר אַרוֹיסְשְׁטֶעלֶען...

— דוּ בִּיסְט נִיט־שָׁאן דַאדוּרְךְ וָואס דוּ קָאנְנְסְט זִיךְ נִיט קְלֵיידֶען וִוי גֶעהֶערִיג. אָט דָאס אַלֵיין הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעוָואלְט זָאגֶען.

— אִיךְ קְלֵייד מִיךְ וִוי מִיר גֶעפֶעללְט, אוּנ וָואהְרְשֵׁיינְלִיךְ נִיט זֶעהר מָאוּס, וַוייל מֶען לִיעבְּט מִיךְ וִוי אִיךְ בִּין.

— ווירְקְלִיךְ, מֶען לִיעבְּט דִיךְ? מַא זָאל דַיין לִיעבְּהָאבֶּער זִיךְ עֶרְקְלֶערֶען אוּנ חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט דִיר!

— גֶעוִויסס, גֶעוִויסס! אַזוֹי וֶועט טַאקִי זַיין. דוּ ווִילְסְט דָאךְ פָּטוּר וֶוערֶען פוּן מִיר? אִין גִיכֶען וֶועסְטוּ מִיךְ שׁוֹין זֶעהֶען אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה.

זֵייעֶר שְׁטִימְמֶע אִיז אִימֶמֶער הֶעכֶער גֶעוָוארֶען, אָבְּוָואהל זֵיי הָאבֶּען זִיךְ אַיינְגֶעהַאלְטֶען אוּנ גֶעסְטַארֶעט רֶעדֶען שְׁטִילל.

— דִי טֶאג וֶועט קוּמֶען זְשֶׁעַראר בֶּעטֶען בַּיי אַייךְ מַיין הַאנְד.

חַוָה אִיז טוֹידְט גֶעבְּלִיעבֶּען אוּנ אוֹיסְגֶעגְלָאצְט אַ פָּאר אוֹיגֶען, גְלַייךְ וִוי זִי בֶּעגְרַייפְט נִיט דֶער טָאכְטֶערְס רֵייד.

— זְשֶׁעַראר... צוּ וֶועלְכֶען צְוֶועק זָאגְסְט דוּ דָאס מִיר?

— וַוייל זְשֶׁעַראר לִיעבְּט מִיךְ אוּנ ווִיל מִיט מִיר חֲתוּנָה הָאבֶּען... דוּ בְּרֶענְגְסְט מִיךְ אַרוֹיס פוּן גֶעדוּלְד, זָאגְסְט שְׁטֶענְדִיג אַז אִיךְ בִּין אַ הֶעסְלִיכֶע, בֶּענֶעהסְט דִיךְ מִיט מִיר וִוי מִיט אַ פַארְזֶעהֶענִישׁ, וָואס טוֹיג נִיט קֵיינֶעם. מוּז אִיךְ דָאךְ זִיךְ שִׁיטְצֶען, אוֹיסְוַוייזֶען דִיר, אַז נִיט אַלֶע הָאבֶּען דֶעם זֶעלְבֶּען גֶעשְׁמַאק וִוי דוּ...

אַוַוייל זַיינֶען בֵּיידֶע שְׁטִילל גֶעוָוארֶען. דָא אִיז שׁוֹין נִיט גֶעוֶוען קֵיין מוּטֶער מִיט אִיהר טָאכְטֶער, נָאר צְוֵויי קָאנְקוּרֶענְטְקֶעס, וָואס הָאבֶּען פַיינְד אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע שִׂנְאַת מָוֶת. חַוָה הָאט טִיעף גֶעאָטְהֶעמְט, דָאס הַארְץ הָאט אִיהר פַארְקְלֶעמְט פוּן גְרוֹיס צַעַר. דָאךְ הָאט זִי זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט, אוֹיבּ עֶמִיצֶער אִיז נִיט אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין צִימְמֶער, נָאכְדֶעם הָאט זִי גֶעזָאגְט מִיט אַ פֶעסְטֶער שְׁטִימְמֶע

— דוּ קֶאנְסְט נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט זְשֶׁעַרַארֶען.

— אוּנ וַוארוּם קֶאנְן אִיךְ נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט זְשֶׁעַרַארֶען?

— וַוייל אִיךְ ווִיל נִיט, וַוייל דָאס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ.

— דָאס אִיז נִיט דִי אוּרְזַאכֶע. זָאג מִיר דִי רִיכְטִיגֶע אוּרְזַאכֶע.

— דִי אוּרְזַאכֶע אִיז וַוייל דִי חֲתוּנָה אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ. דָאס אִיז אִין גַאנְצֶען.

— נֵיין, נִיט דָאס! אַז דוּ צְווִינְגְסְט מִיךְ וֶועל אִיךְ דִיר אַלֵיין זָאגֶען דִי אוּרְזַאכֶע. דוּ ווִילְסְט נִיט אִיךְ זָאל חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט זְשֶׁעַרַארֶען וַוייל עֶר אִיז דַיין לוּבָּאוְונִיק.

דאָס שאַדט אָבער גאָר ניט. איך וויים אַלְסְדינג אונ ווילל איהם פּאָרט נעהמען פאַר אַ מאַנן.

מיט די פריערינע אויגען האט זי צוגעגעבען „טאַקי דאַרום וויל איך איהם”.

מיט אַ ווילדע שמחה האט זי זיך נוקם געווען אָן דער מוטטער פאַר אַללע שמערצען וואס זי האט געהאט פון קינדווייז ביז היינט זעהענדיג ווי יענע איז שאָן, אַללע לויפען צו איהר, אונ זי איז מאוס, קיינער וויל אויף איהר ניט אַ קוק געבען. יעצט טריאומפירט זי, יעצט נעהמט זי צו פון איהר דעם לעצטען געליעבטען!

— אָה מרשעת! — האט חוה זיך אָפּגערופען מיט אַ פאַרקלעמטען הארצען — דו ווייסט אַליין ניט וואס דו רעדסט אונ ווי דו ריינינגסט מיך.

זי האט געמוזט שטילל ווערען אונ מאַכען אַ פרעהליך פּנים, ווייל פון דעם צווייטען צימער איז אַריינגעלאָפען די פירשטין ראָזעמאָנדאַ מיט אַ געשריי, אַז מען רופט זי אַראָפּ אונטען. באַלד עפּפענט מען דעם באַזאַר אונ די בעל־הבית'טע בעדאַרף זיצען ביים טיש פון איהר קלייטעל.

— גוט, איך געה באַלד אַרונטער — האט די באַראָנעסע געענטפערט אונ זיך אָנגעשפּאַרט אָן טישעל, ווייל זי האט מורא געהאט זי זאָל ניט אומפאַללען.

— הער — האט היאַצינט געמורמעלט צו דער שוועסטער — ס'איז דאָך אידיאָטיש־נאַרריש אַזוי זיך אַרומרייסען אונ זידלען. בעססער געהט אַראָפּ געשווינדער אונטען.

קאַמיללאַ האט איהם מיט כעס אָפּגעקוקט:

— אַוועק פון דאַנען אונ נעהם אַללע אַנדערע אויך צו. איהר האט ניט וואס צו ליעגען דאָ אונז אויפ'ן קאָרק.

היאַצינט האט מיט פּעראַכטונג אַ בליק געטהון אויף דער מוטטער מיט דער שוועסטער, ווי אַ מענש וואס וויים אַלְסְדינג אונ פיעל זאַכען געפאַללען איהם ניט. ער האט אַוועקגעפיהרט די גאַסט אונטען אונ די מוטטער מיט דער טאָכטער האָבען שוין געמיינט אַז זיי זיינען אַליין געבליעבען אין צימער, אָבער פּלוצלינג האָבען זיי דערהערט פון דער נאָהענט שטיממען פון מענשען — דאָס האט געשמועסט דער באַראָן מיט פאָנסעגען. דער פאָטער איז נאָך אַלץ געזעססען אין קאַבינעט אונ געקאָנט הערען יעדעס וואָרט.

חוה האט געוואוסט אַז דאָס גלייכסטע וואָלט געווען מאַכען אַ סוף מיט דער סצענע. עס איז איהר אָבער ניט מעגליך געווען איינצוהאַלטען זיך נאָך די ווערטער פון דער טאָכטער, ווערטער וואס האָבען זי בעליידיגט ווי אַ פּאַטש אין פּנים.

— זשעראַר קאָנן מיט דיר ניט חתונה האָבען, ער ליעבט דיך ניט.

— ער ליעבט מיך יאָ.

— דו מיינסט ער ליעבט דיך ווערענד ער איז נאָר פריינדליך צו דיר, ווייל ער האט אַ גוט האַרץ אונ זעהט ווי דו ביסט איינזאַם... ער ליעבט דיך אָבער ניט.

— ער ליעבּט מיך יאָ... ער ליעבּט מיך ערשׁטענס ווייל איך בּין ניט קיין נאַר, ווי אַ סך אַנדערע, אונ בּפרט ווייל איך בּין יונג.

דאָס איז געווען אַ נייער שׁטאָך דער מוטטער אין האַרצען.

— די יוגענד... אַך, זעהסט דו, אַרימע מוטטער, דו האָסט שׁוין גאָר פאַרגעסען וואָס דאָס איז... טאַקי איך בּין ניט שׁאָן, דערפאַר אָבער בּין איך יונג, איך בּין פריש, איך האָב לויטערע אויגען, העללע ליפּפּען. אונ האָר האָב איך אַזעלכע געדיכטע, אַזעלכע לאַנגע, אַז זיי פאַרדעקען מיך אין גאַנצען פון קאָפּ בּיז פיס. גענוג, מען קען ניט זיין מאוס אַז ס'איז דאָ די יוגענד. זעהסט דו, אַרימע מוטטער, ווען די יוגענד ווערט פערלאָרען, דאַמאָלס איז אַ שׁלעכטער עסק. וואָס קומט אַרויס דערפון וואָס די פרוי איז אַמאָל געווען שׁאָן? פון געוועזענער שׁאָנקייט בּלייבּט גאָר נישׁט איבּער, נאָר חורבות, חרפּה אונ עקעל...

זי האָט גערעדט מיט אַזאַ באַזקייט, מיט אַזאַ קוויטשׁיגען קול, אַז יעדעס וואָרט האָט געשׁטאָכען דער מוטטער אין האַרצען ווי אַ שׁפּיז. די אויגען פון דער אומגליקליכע פרוי זיינען פולל געוואָרען מיט טרערען. אַך! עס איז אַלזאָ אַ אמת, זי קאָן ניט בּעשׁטעהן קעגען דער יוגענד. איהרע יסורים שׁטאַממען נאָר דערפון וואָס זי ווערט אַלט, זי פיהלט אַז די ליעבּע ענטלויפט פון איהר, ווייל זי איז שׁוין אַ איבּערגעשׁטאַנענע פרי וואָס איז אַראָפּגעפאַללען פון צווייגעל.

— זשׁעראַרס מוטטער וועט אויף קיין פאַל ניט מסכּים זיין, ער זאָל דיך נעהמען פאַר אַ ווייב.

— ער וועט זי איינרעדען, דאָס איז שׁוין זיין זאַך... איך האָב נדן בּיז צוויי מיליאָן; מיט צוויי מיליאָן קאָנן מען פיעל זאַכען צורעכט מאַכען.

— אונ דו ווילסט איהם בּלאַמירען, ווילסט אַללע זאָללען זאָגען אַז ער האָט מיט דיר חתונה צוליעב געלט?

— חלילה, צו וואָס? זשׁעראַר איז אַ ערענטליכער, אַ גוטער מענש. ער ליעבּט מיך אונ האָט חתונה נאָר צוליעב מיר אַליין... אמת ער איז ניט רייך, ער האָט נאָך קיין שׁטעללונג ניט אונ ער קען ניט אַוועקמאַכען מיט דער האַנד אַ פרוי וואָס אויסער געלט בּרענגט זי איהם אויך גליק... דו הערסט, מוטער, איך בּרענג איהם גליק, אמתען, פאַללקאָממענעם, רוהיגען גליק...

זיי זיינען ווידער געשׁטאַנען איינע קעגען דער אַנדערע. די שׁאַנדליכע סצענע, וואָס איז יעדע מינוט איבּערגעהאַקט געוואָרען דורך דעם געריודער אין די איבּעריגע צימערען, האָט געשׂיינט צו פאַרגראָסערן זיך מיט מעהר פרישקייט, ווייל קיין איינציגע פון זיי האָט ניט געוואָלט זיך אונטערגעבּען, אָבוואָהל בּיידע האָבּען מורא געהאַט אַז אַ פרעמדער זאָל ניט הערען ווי זיי קריגען זיך — ווייל אַללע טהירען זיינען געווען אָפּען אין דער גאַנצער בּרייט אונ יעדע מינוט האָבּען געקאָנט אַריינקומען די דיענער, אויסער וואָס בּאַלד, אין צווייטען צימער, זיצט דאָך דער פאָטער אונ מען הערט זיין פרעהליכע שׁטיממע.

— וואס דרעסט דו א מח: ליעבע ליעבע! דאס האסט דו נאר אויסגעטראכט אז ער ליעבט דיך. ער האט דיר קיינמאל גאר ניט געזאגט אזאלכעס.

— צוואנציג מאל האט ער מיר דאס איבערגעחזרט, ער זאגט דאס מיר יעדעס מאל ווען מיר בלייבען אליין.

— יא, ער זאגט עס דיר ווי צו א קליינער מיידעלע וואס מען וויל מיט איהר טרייבען קאטאוועס. אבער ער האט קיינמאל ניט געזאגט אז ער וויל חתונה האבען מיט דיר.

— געזאגט, געזאגט ערשט ניט לאנג, צום לעצטען מאל ווען מיר האבען אונז געזעהן. ביי אונז איז שוין אלסדינג אפגערעדט, איך ווארט נאר ער זאל פועל'ן ביי זיין מוטטער און א ליאדע טאג וועט ער קומען בעטען מיין האנד...

— ליעגען, כזב ושקר! דו וואלסט מיר עקסטרא קרענקונג מאכען זאגסטו ליעגען;

איהרע אלע וועהטאגען האבען זיך ארויסגעגאסען מיט דעם געשריי. זי האט גאר פארגעסען אז זי איז א מוטטער און רעדט מיט איהר אייגען קינד. ס'איז נאר געבליעבען א איינגעליעבטע פרויענצימער, וואס איהר קאנקורענטקע בעליידיגט זי און ברענגט אין דער גרעסטער פערצווייפלונג.

— ער ליעבט נאר מיך און ניט קיין אנדערע! דאס לעצטע מאל האט ער מיר געשווארען, דו הערסט? געשווארען מיט זיין האנער אז ער ליעבט דיך ניט און וועט קיינמאל מיט דיר ניט חתונה האבען.

קאמיללא האט באז געלאכט און געזאגט מיט א געמאכטען רחמנות קול:

— אך, ארימע מוטטער, עס טהוט מיר ווירקליך זעהר לייד אויף דיר! דו ביסט נאך גאר א קינד. אייגענטליך וואלסטו דאך שוין בעדארפט זיין א געניטטע און דאך גלויבסט דו נאך אין די שבועות פון די מאנספערשוינען. ושעראר האט א ווייך הארץ און איז אביססעל א שרעקעדיגער, דארום שווערט ער דיר אויף אלץ אין דער וועלט אבי דו זאלסט האבען נחת...

— ליגען, כזב ושקר!

— גענוג, בערעכען אליין... אז ער האט אויפגעהערט געהן אהער און אפילו היינט צו פריהשטיק ניט געוואלט קומען, איז דאך דער בעסטער סימן אז דו ביסט איהם שוין דערעסעי געווארען צום טוידט. מען ווארפט דיך אוועק, ארימע מוטטער, דו בעדארפסט דיר דאס ארייגשלאגען אין מוח. ער איז נאך אלץ זעהר העפליך און פריינדליך, ווייל ער איז גוט ערצויגען און קען ניט מיט א מאל איבעררייסען. ס'איז איהם פראסט א רחמנות אויף דיר.

— ליגען, ליגען!

— אדרבא, רעד מיט איהם אליין, ווי א מוטער. ערקלער זיך אפען מיט איהם, פרעג אין גוטען — מוטה וואס האט ער בדעה צו טהון? אויב דו ליעבסט איהם ברויכסט דו, צוליעב זיין אייגענער טובה, איהם אוועקגעבען מיר. לאז

אִיהם פְּרַיי, דוּ וֶועהסְט דָאךְ אַז עֶר לִיעבְּט נָאר מִיךְ אַלֵיין אוּנ נִיט קֵיין אַנְדֶערֶע.

— דוּ זָאגְסְט לִיגֶען, לִיגֶען! שְׁלֶעכְטֶע מֵיידֶעל, דוּ פַּיינִיגְסְט מִיךְ, ווִילְלְסְט מַיין טוֹידְט!

זִי הָאט זִיךְ פְּלוּצְלִינְג דֶערְמָאנְט אַז זִי אִיז דָאךְ דִי מוּטטֶער אוּנ הָאט דָאס רֶעכְט צוּ בֶּעשְׁטְרָאפֶפֶען דִי טָאכְטֶער דִי חֲצוּפָה. נִיט גֶעפִינְנֶענְדִיג אוּנְטֶער דֶער הַאנְד אַ פַּאלֶקֶע הָאט זִי פוּן קָארְב גֶעלֶע שְׁמֶעקֶעדִיגֶע רוֹיזֶען אַרוֹיסגֶערִיסֶען עֶטְלִיכֶע בְּלוּמֶען מִיט דִי שְׁטֶעכֶעדִיגֶע לַאנְגֶע שְׁטֶענְגְלִיךְ אוּנ מִיט אַללֶע כֹּחוֹת אַ שְׁנִיטט גֶעגֶעבֶען קַאמִילַלַאן אִין פָּנִים.

אַ קְלֵיינֶער טְרָאפֶּען בְּלוּט אִיז אַרוֹיסגֶעטְרָאטטֶען אוֹיף קַאמִילַלַאס שְׁלֵייף נֶעבֶען לִינְקֶען אוֹיג. זִי אִיז אִין גַאנְצֶען רוֹיט גֶעוָוארֶען אוּנ אוֹיסֶער-זִיךְ פוּן שְׁרֶעקְלִיכֶען כַּעס אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען גֶעטְהוּן צוּ דֶער מוּטטֶער מִיט אַ אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶע הַאנְד, גְרֵייט צוּ אָפְּגֶעבֶען דֶעם קְלַאפּ.

— הִיטֶט אַייךְ, מוּטטֶער! אִיךְ שְׁוֶוער אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ בְּרֶעכֶען דִי בֵּיינֶער זַוִי דֶער גֶעמֵיינְסְטֶער בֶּעשֶׁאפְנִיש. נֶעהמְט אַייךְ גוּט אִין קָאפּ אַרַיין אַז אִיךְ וִוילל זְשֶׁערַאנְ'ן, וֶועל חֲתוּנָה הָאבֶען מִיט זְשֶׁערַאנְ'ן, וֶועל אִיהם אָפְּנֶעהֶעמֶען פוּן אַייךְ עֶס מָאג זַיין מִיט'ן גְרֶעסְטֶען סְקַאנְדַאל אוֹיב אִיהר וֶועט מִיר אִיהם נִיט אָפְּגֶעבֶען מִיט'ן גוּטֶען ווִילְלֶען.

חַוָה אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאללֶען אוֹיפְ'ן שְׁטוּהל אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶע, אַ צוּבְּרָאכֶענֶע. עֶס אִיז אַ וַוייְלֶע שְׁטִילל גֶעוָוארֶען, נָאר פוּן צְוֵייטֶען צִיממֶער הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט דִיווִילְיַארס פְּרֶעהלִיכֶע שְׁטִימֶע.

דִי מוּטטֶער הָאט זִיךְ שְׁטִילל פַאנַאנְדֶערְגֶעוֵויינְט. דֶערְוַוייל אִיז דֶער זוּהְן, הַיאצִינְט, אַרַיינְגֶעלָאפֶען אִין דֶעם קְלֵיינֶעם גַאסְט-צִיממֶער. דֶערְזֶעהֶענְדִיג בֵּיידֶע פְרוֹיעֶן הָאט עֶר מִיט פֶערְאַכְטוּנְג אַ צִיה גֶעגֶעבֶען מִיט דִי פְּלֵייצֶעס.

— נוּ, אָט הָאט אִיהר! זִיךְ דֶערְוַוארְט. יֶעצְט זַייט אִיהר שׁוֹין צוּפְרִידֶען וָואס הָאב אִיךְ אַייךְ גֶעזָאגְט?... בֶּעדַארְפְט פְרִיהֶער אַרָאפְּגֶעהְן אוּנְטֶען. אַללֶע פְרָאגֶען שׁוֹין אוֹיף אַייךְ. פֶּע, נַארִישׁ! אִיךְ בִּין גֶעקִימֶען אַייךְ בְּרֶענְגֶען.

עֶס קָאן זַיין אַז דִי פְרוֹיעֶן וָואלְטֶען יֶעצְט אוֹיךְ נִיט גֶעגַאנְגֶען מִיט אִיהם — בֵּיידֶע הָאבֶען נָאךְ גֶעצִיטֶערְט פוּן כַּעס, בֵּיידֶע הָאבֶען גֶעשְׁפִּירְט אַז זֵיי בֶּעדַארְפֶען נָאךְ בֶּעלֵיידִיגֶען אוּנ קְרֶענְקֶען אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע, אָבֶער פוּן קַאבִּינֶעט אִיז פוּנְקְט אַרַיינְגֶעקוּמֶען דִיווִילְיַאר מִיט פַאנְסֶעגֶען, וֶועלְכֶע הָאב שׁוֹין אוֹיסְגֶערוֹיכֶערְט זַייעֶרֶע צִיגַארֶען אוּנ גֶעוָואלְט אַרָאפְּגֶעהְן צוּם בַּאזַאר. חַוָה הָאט גֶעמוּזְט זִיךְ אוֹיפְהוֹיבֶען אוּנ בִּגְנֵבָה אוֹיסְווִישֶׁען דִי אוֹיגֶען; קַאמִילַלַא אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם שְׁפִּיגֶעל אוּנ צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט דִי הָאר אוּנ מִיט'ן שְׁפִּיץ טִיכֶעל אוֹיסְגֶעווִישְׁט דָאס טְרָאפְּפֶעלֶע בְּלוּט פוּן אִיהר שְׁלֵייף.

אוּנְטֶען אִין דִי דְרַיי גְרוֹיסֶע, מִיט בְּלוּמֶען אוּנ טַייעֶרֶע קָאבְּרַאצֶען בֶּעפּוּצְטֶע סַאלָאנֶען אִין שׁוֹין גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער עוֹלָם. אוֹיף דִי טִישְׁלֶעךְ זַיינֶען גֶעלֶעגֶען

פערשידענע סחורות, טויזענדער חפצים. דא האט יעדער געקאנט קויפען וואס זיין הארץ בעגעהרט: בילדער און שקיצען פון בעריהמטע מאלער אדער שקארפעטקעס און קאמליך. דאס אללעס האט געצויגען צו זיך דעם פובליקום, אויסער דעם בופעט וואו שאנע ווייסע האנדטליך האבען געגאסען שאמפאניער וויין און אויסער די צוויי לאטעריען מיט דער ענגלישער פוהר׳ל איינגעשפאנט אין לעבעדיגע קליינע פערדליך. די בילעטען צו דער לאטעריי און די פערדליך האבען פארקויפט די שאנסטע מיידליך. בעזאנדערס אבער איז דער באזאר זעהר געראטען וויל אללע האבען דאך געמוזט דורכפאהרען דעם טויער וואו פאר עטליכע וואכען האט אויסגעשאססען די באמבע. די וואנט מיט׳ן סופיט זיינען שוין געוועזען רעפערירט אבער נאך ניט אבגעשמירט מיט פארב און ס׳זיינען נאך קאנטיג געוועזען די שפארעס מיט די לעכער. פון אללע קארעטעס האבען זיך ארויס געשטעקט נייגעריגע קעפליך פון די רייכע דאמען, וואס האבען מיט שרעק און ענטציקונג בעטראכט דעם טויער. אריינגעהענדיג אין זאל האבען אללע נור גערעדט וועגען איין זאך.

— אך, טהייערינקע, האט איהר געזעהן ווי שרעקליך די שפארעס זיינען? דאס גאנצע הויז האט געקאנט איינפאללען. דאס ערגסטע איז וואס יעדען טאג קאנן דאס נאך אמאל טרעפען. מען דארף ווירקליך זיין זעהר דרייסט, חבראברע, קומען צופאהרען אהער. אבער דער באזאר געהט דאך אויף אזא עדלער וואהלטהאט: צובויען א נייע אפיצינע אין פריוט. אויסער דעם, לאזען די פאדלעצעס זעהן אז מיר האבען גאר קיין מורא ניט.

ווען די בארא‌נעססע חוה איז ארונטערגעקוממען פארנעהמען מיט דער טאכטער זייערע ארטער ביי די טישלעך, האט דאס פובליקום שוין געשמאק געקויפט. די פירשטין ראזעמאנדא האט ארויסגעוויזען זעלטענע בריהשקייט צו ארויסציהען געלט פון די קויפערס. זי האט זיי פראסט בעגנבעט און בעריססען גאר אהן שום חרפה.

— אה, ענדליך זייט איהר אויך דא! — האט זי אויסגעשריען — היטט איך פאר א גאנצע באנדע קויפערקעס, וואס זיינען געקומען האנדלען דא מציאות. איך קען זיי. זיי ווארטען נאר אויף א גוטע געלעגענהייט, קעהרען איבער דאס גאנצע קראמיל מיט די פיסס ארויף, און אז איהר בלייבט שוין אהן א קאפ פון זיי, קויפען זיי ערשט בילליגער ווי אין מאגאזין. מיך וועלען זיי אבער ניט אפנארען!

חוה איז קיינמאל ניט געוועזען קיין גוטע פערקויפערקע, בפרט יעצט. זי האט געמאכט א פרעהליך פנים און מיט א פאלשען שמייכעלע געוויזען קאמיללען וואס זי האט צו טהון, און די האט איהר אויסגעהערט מבלומערשט מיט גרויס רעספעקט ווי א גוטע טאכטער. די אומגליקליכע פרוי איז געבליעבען אהן כחות פון גרויס גריזאטע און הארצווייטאג און איהר האט געמוטשעט דער געדאנקען אז זי וועט

מוזען זיצען דא פאר'ן גאנצען עולם ביז זיעבען א זייגער אין אָוועגד און פיינינגען זיך אהן די מינדעסטע האפפנונג עס זאל איהר לייכטער ווערען. דארום איז פאר איהר געווען א גאנצע שמחה ווען זי האט דערזעהען דעם גייסטליכען פיער פראמאן זיצט אויף דעם מיט רויטען אטלאס בעדעקטען ביינקעל נעבען איהר טישעל און וואַרט אויף איהר. חוה האט קיין כח ניט געהאט שטעהן אויף די פיס און האט זיך אַוועקגעזעצט נעבען איהם:

— אך, העררר גייסטליכער, איהר האט ערהאלטען מיין בריעף און זייט געקומען... איך מוז אייך אָנזאגען א אַנגענעהמע נייעס: איך האב דורכאויס געוואלט שאפפען אייך דאס פערגניגען איהר זאלט אליין אָנזאגען די גוטע בשורה אייער לאווקאוון, פאר וועלכען איהר האט אונז אזוי שטארק געבעטען... יעצט זיינען שוין אללע פארמאלנאסטען געמאכט, איהר קאננט איהם זאנאר מארגען ברענגען אין פריוט.

פיער האט א פערוואונדערטער געקוקט אויף דער באראנעססע.

— לאוויאוו?... ער איז דאך שוין געשטארבען!

די באראנעססע האט זיך אויך פערוואונדערט.

— וואס הייסט? געשטארבען? און איהר האט מיר גאר ניט געזאגט. אה, ווען איהר זאללט וויססען וויפיעל קלאפאט און ארבייט דאס האט געקאסט, וויפיעל פאפיער ס'איז פארשריבען געוואָרען! איהר ווייסט געוויס אז ער איז געשטארבען?

— א יא, ער איז געוויס געשטארבען, שוין מעהר ווי א מאנאט.

— שוין מעהר ווי א מאנאט? ווי אזוי האבען מיר דאס געקאננט וויססען אז איהר האט זיך גאר ניט געוויזען, גלייך ווי אין וואססער אריין! אך מיין גאטט! ווי פארדראססיג וואס ער איז געשטארבען. מיר וועלען מוזען צוריק ווידער איבעראנייעס אללדינג איבערמאכען.

— ער איז געשטארבען, מאדאם. איך האב טאקי בעדארפט אייך צו וויססען געבען, אמת, אבער ס'איז שוין פארפאללען: געשטארבען — און געענוג!

דאס וואָרט „געשטארבען" און די גאנצע געשיכטע מיט'ן מת פאר וועלכען זי האט געקלאפאטשעט א גאנצען מאנאט, האבען אויף איהר געמאכט א שרעקליכען איינדרוק, א שוידער איז אריבער אין איהרע גלידער: איהר האט געדאכט אז זי פיהלט שוין דעם קאלטען קבר אין וועלכען איהר לעצטע ליעבע ווערט יעצט בעגראבען...

פיער האט א ביטטערען שמייכעל געגעבען: וואס איז דאס פאר א קלאגעדיגע באַרמהארציגקייט וואס קומט העלפען דאמאלס ווען דער נויטבעדירפטיגער ליעגט שוין אין דער ערד!

דער סליעדראוואטעל א מאדיא איז אריינגעקומען און די באראנעססע איז אויפגעשטאנען געהן איהם אנטקעגען. ער האט זעהר קיין צייט ניט געהאט און איז נאר[illegible]געקומען אויף א ווייל אויפ'ן באזאר, קויפען עפעס א קלייניגקייט און באלד צוריק געהן אין סוד. אבער דער קליינער מאססא, רעפארטער פון „גלאב"

דערװעהענדיג דעם סליעדאװאטעל, איז ער צו איהם צוגעפאללען װי א היימ-הונגעריגער, אויספרעגען װאס הערט זיך עפעס נייעס, װאס איז מיט סאלװאן דעם מעכאניק, װעלכען מען איז חושד אז ער האט אונטערגעלעגט די באמבע אין טויער פון דיװויליארס פאלאץ. ארום דעם סליעדאװאטעל האבען זיך באלד ארומגעשטעלט א גאנצע מחנה שאנע דאמען, װאס האבען געברענט פון נייגיער הערען די מארדערישע געשיכטע.

ענדליך האט זיך דער סליעדאװאטעל ארויסגעריסען פון זיי, איז צוגעלאפען צו דער פירשטין ראזעמאנדרא, געקויפט פאר צװאנציג פראנק א פאפיראסניצע װאס איז מעהר ניט װערט געװען װי דרייסיג סו, אונ איז אװעקגעלאפען.

דערװעהענדיג פיער'ן איז דער קליינער מאססא צוגעגאנגען איהם גריסען.

— ניט װאהר, הערר גייסטליכער, סאלװא איז שוין יעצט גאנץ װייט אויב ער האט נור גוטע פיסס... איך לאך שטאנדיג פון דער פאליציע.

ראזעמאנדרא איז צוגעגאנגען מיט היאצינטען צו איהם.

— ה' מאססא, איהר געהט דאך אומעדום, זייט איהר אלזא אונזער דיין: זאגט מיר, װאס איז דאס פאר א קאבינעט פון שרעקליכע זאכען אין א קאבאק אויף מאנמארטר, װאו לעגרא זינגט זיינע „בלומען פון גאססען ברוק"?

— א, זעהר א ליעב ארט, מאדאם — איך װאלט אפילו קיין שאנדארם אהין ניט אריינגעלאזט.

— איהר מאכט חוזק אונ דאס איז זעהר א ערנסטע זאך. ניט װאהר, אהין קענען געהן א ערענטליכע פרוי װען א קאװאליער געהט מיט איהר?

אונ נאך עהדער מאססא האט צייט געהאט ענטפערן האט זי זיך געװענדעט צו היאצינטען:

— אהא, איהר זעהט, מאסיו מאססא פראטעסטירט ניט. איהר װעט מיך פיהרען אהין נאך היינט אין אװענד. גיט מיר אייער װארט, גיט אייער װארט!

זי איז ענטלאפען פארקויפען פאר צעהן פראנק א בריװעלע שפילקעס א נ'אלטער דאמע.

— א װאהרע אידיאטקע מיט איהר „שרעקליכען קאבינעט" — האט היאצינט זיך אפגערופען מיט זיין מיעדער שטיממע.

מאססא האט א ציה געגעבען די פלייצעס מיט א מינע פון א פילאזאף. מילא, א קינד זוכט שפיעלכלעך... נאכדעם, װען היאצינט איז אװעקגעגאנגען, האט מאססא זיך געװענדעט צום גייסטליכען:

— זעהט נאר, אט איז דאך דוטיל. װאס האט סאניע געפלוידערט אז היינט װעט דוטיל געבעטיגען אין אסטראג?

דוטיל האט װירקליך פרעהליך זיך דורכגעשטופט צװישען פובליקום אונ געלאפען צו דיװויליאר מיט פאנסעג, װעלכע האבען נאך אלץ געפיהרט א שמועס, ש[illegible]ענדיג געבען דער באראנעססעס טישעל. נאך פון דער װייטענס האט ער

געוויזען מיט דער האנד אז די שליחות איז איהם געראטען. די שליחות איז טאקי ניט געווען קיין לייכטע. עס איז געגאנגען אום דעם, מען זאל געשווינדער איינלאדען סילוויאנען אין טהעאטער „פראנצאזישע קאמעדיע". איהר איז איינגעפאללען, אז דער באראן זאלל בעשטעללען א מיטטאג אין „ענגלישען קאוועהויז" אונ זאל צום מיטטאג איינלאדען זי, סילוויאנען, צוזאממען מיט א בעריהמטען קריטיקער. זי איז געווען זיכער, אז קוים וועט זי זיך בעקענענען מיט'ן קריטיקער, וואס האט א שטארקע דעה אין טהעאטער, וועט ער באלד פועלן ביי דער דירעקציע מען זאל זי איינלאדען דארט שפיעלען. ווי פועלט מען אבער ביי דעם קריטיקער קימען אויפ'ן מיטטאג? ער האט א שעם פאר א הארטען אונ שטרענגען מענשען וואס לאזט זיך ניט לייכט בייגען. דוקא האט דאס איבערגענומען אויסצופיהרען. אנפאנגס איז איהם ניט געראטען; ער האט געמוזט אנווענדען פערשיעדענע המצאות, קונצען, ביז ענדליך האט ער אויסגעפיהרט אונ ער לייכט יעצט פון גרויס שמחה.

— היינט אין אווענד, האלב אכט, טהייערער באראן. צום טייוועל, דאס איז אנגעקומען נאך שווערער ווי דורכפיהרען אין פארלאמענט די הלואה פון די אקציעס.

דער צופריעדענער באראן האט איהם געדריקט די האנד אונ געדאנקט. נאכדעם האט ער זיך געווענדט צו פאנסעגען אונ געזאגט:

— ניט וואהר, איהר וועט אויך זיין אויפ'ן מיטטאג. דאס איז דורכאויס נאטהיג. סילוויאנא בעדארף זיך געפינען אין א ערנסטע געזעללשאפט. דוקא וועט פארשטעללען דעם פארלאמענט, איהר — די ליטעראטור אונ איך — די פינאנסען-וועלט...

רעדענדיג האט ער בעמערקט זשעראר'ן ווי ער שטופט זיך פארזיכטיג צווישען די דאמען-קליידער. דער באראן האט איהם א ווינק געגעבען מיט דער האנד.

— זשעראר, מיין ליעבער פריינד, איהר מוזט מיר טהון א געפעלליגקייט.

אונ ער האט איהם ערצאהלט וועגען היינטיגען מיטטאג צוזאממען מיט'ן בעריהמטען קריטיקער אונ צוגעגעבען, אז אללע סילוויאנעס גוטע פריינד ברויכען זיין נעבען איהר ווען איהר שיקזאל ווערט בעשטיממט.

— איך קאן ניט — האט דער יונגער מאן געזאגט א צומישטער — איך עס מיטטאג מיט דער מוטטער וואס איז פון אין דער פריה ניט ביים בעסטען געזונד.

— אייער מוטטער איז גענוג קלוג אונ פארשטעהט אז אין לעבען טרעפפען וויכטיגע אויסנאהמען. געהט אהיים אונ טראכט אויס עפעס א תירוץ. זאגט אז עס האנדעלט זיך אום דעם גאנצען גליק פון א גוטען פריינד.

זשעראר איז געווען אין פערלעגענהייט.

— מיט איין ווארט, בעסטער פריינד, איך קאן מיך פראסט ניט בעגעהן אהן אייך. איך ברויך צו האבען א מענשען פון דער העכערער קלאססע, פון די אריסטאקראטיע. איהר ווייסט דאך אז אין טהעאטער-זאכען האט די העכערע קלאססע

אגרויסע בעדייטונג...

זשעראר האט פארשפראכען זיין אויפ'ן מיטטאג. נאכדעם האט ער גענומען רעדען מיט'ן פעטער, געגעראל בעזאנגע, וועלכער האט זיך דא, צווישען די דאמען, געפיהלט ווי א פיש אין וואסער. דאנקענדיג דער מאדאם פאנסעג פאר וואס זי האט אזוי רוהיג אויסגעהערט זיינע לאנגע מעשיות, האט ער איהר געקויפט פאר הונדערט פראנק א האנד-שריפט פון דעם בישאף מארטא, נאכדעם איז ער פארשוואונדען געווארען צווישען די שאנע מיידליך. יעצט איז ער צוריקגעקומען מיט פוללע האנד לאטעריע-בילעטען.

— אך, מיין טהייערער — האט ער געזאגט דערזעהענדיג זשעראר'ן — איך ראטה דיר ניט געהן צו די פריילײנס. דעם לעצטען גראשען וועסטו זיי אװעקגעבען. יא, מאדמואזעל קאמיללא רופט דיך.

קאמיללא האט ווירקליך נאך פון דער וייטענס געשמייכעלט צו איהם. זייערע אויגען האבען זיך בעגעגענט און ער האט געמוזט צוגעהן צו איהר, אבוואהל ער האט געפיהלט ווי די באראנעססע קוקט אויף איהם מיט געבעט און פערצווייפלונג. קאמיללא האט געזעהן אז די מוטטער נעהמט פון זיי קיין אויג ניט אראפ, האט זי גענומען אנשטופען זשעראר'ן פוללע טאשען מיט פערשידענע חפצים, אנדערע שפילכליך געשטופט איהם אין די האנד און דערביי זיי לייכט געדריקט און פרעהליך גליקליך געלאכט מיט אזא פרישען קלינגענדיגען קול אז דער מוטטער האט גע-שניטטען ביים הארצען.

הוה איז אויפגעשפרונגען און געוואלט זיך אריינמישען, צושיירען די יונגע לייט, נאר פריער האט זי אפגעשטעללט — איהם איז ארויף אין קאפ א פרישער געדאנקען, וועלכען ער האט געוואלט זאגען חוה'ן, עהדער ער געהט אוועק פון באזאר.

— באראנעססע, ווי באלד לאוויאו איז געשטארבען און בעדארף שוין ניט דאס פרייע בעטטיל, בעט איך אייך, גיט זי קיינעם ניט אפ עהדער איך וועל מיך זעהען מיט אונזער געעהרטען גייסטליכען ר א ז. היינט אין אווענד וועל איך זיין ביי איהם; ער האט שטאנדיג גענוג ארימע לייט און וועט זיין גליקליך אריינגעבען אין אייער פריוט איינעם פון זיי.

— געוויסס — האט די באראנעססע געשטאממעלט — איך וועל זעהר צופריעדען זיין. אויב איהר ווילט קענן איך ווארטען אביסעל... אויסגעצייכענט, וואהל העררן גייסטליכער.

זי האט געציטטערט אין גאנצען לייב און אליין ניט געוואוסט וואס זי רעדט. זי האט אוועקגעווארפען דעם גייסטליכען און אפילו ניט בעמערקט צו ער איז נאך געבליעבען אויפ'ן באזאר אדער אוועקגעגאנגען. זשעראר האט ניט געקאנט צוזעהן איהר רחמנות'דיגען בליק און האט זיך ארויסגעריסען פון קאמיללאס האנד,

— וואָרום זעהט מען איך אַזוי זעלטען, ליעבּער פריינד? — האָט זי געזאָגט היינט, מיט אַ שמייכעל — איהר ווייזט זיך גאָר ניט פאַר די אויגען!

— איך בין געווען ניט מיט אַללעמען — האָט ער געענטפערט מיט אַ ליעבּע מינע — יאָ, ווירקליך, ניט מיט אַללעמען.

די איבּערגעשראָקענע באַראָנעסע האָט אויף איהם געקוקט מיט הייסע צאַרטליכקייט ווי אַ געטרייע מוטטער. אויף זיין שאָן געזיכט איז טאַקי קאָנטיג געווען אַז ער ליידט, ער האָט עגמת־נפש פון זיין פּוסטען לעבען אָהן אַ שום בעשעפטיגונג. פון דעם וואָס עד ליעגט דער מוטטער אויפ'ן קאָרק און וואָס ער מוז, דורך זיין אָרימקייט, חתונה האָבּען מיט דער רייכער קאַלעקע.

— אויב איהר ליידט, לייד איך נאָך מעהר פון איך — האָט זי שטילל געזאָגט — זשעראַר, מיר מוזען זיך זעהען, איך פערלאַנג דאָס.

ער האָט אַ צומישטער אויך שטילל געענטפערט:

— ניין, איך בעט איך, לאָמיר אויפוואַרטען.

— זשעראַר, עס איז נאָטהיג. קאַמיללאַ האָט מיר מודיע געווען וועגען איייערע פּלאַנער. איהר טאָרט מיר ניט אָפּזאָגען. איך וויל מיך זעהען מיט איך אונטער פיער אויגען.

— דאָרט, אויפ'ן פריהערינען אָרט איז אונמעגליך. מען האָט זיך דערוואוסט די אַדרעססע.

— אַלזאָ מאָרגען פיער אַ זייגער אין קליינעם רעסטאָראַן אין בולאָנער וואַלד־יל. וואו מיר האָבּען זיך שוין פריהער בעגעגענט.

ער האָט געמוזט פאַרשפּרעכען און זיי האָבּען זיך צושיידט. קאַמיללאַ האָט אומגעדרעהט דעם קאָפּ און שאַרף געקוקט אויף זיי. אַ גאַנצע מחנה דאַמען האָבּען בעלעגערט די טישלעך. די באַראָנעסע האָט גענומען פאַרקויפען די סחורות און זשעראַר איז צוגעגאַנגען צו דיוויליאַר'ן וואָס האָט נאָך אַלץ געשמועסט מיט פאָנסעג און דוטילן וועגען דעם מיטטאָג אין ענגלישען קאַוועהויז.

---

## II.

ווי פריעדליך, ווי רוהיג איז בּיי'ם גוטען אַלטען ראַז אין זיין קליינער וואָהנונג אויף דער קאַרטאַ גאַס! דאָ הערט מען ניט די קלאַפּעריי פון עקיפּאַזשען, דאָס רוישען פון לעבּעדיגען פּאַריז, דאָ אין דעם קוואַרטאַל איז שטילל, פערשלאָפּפען, ווי אין אַ פערוואָרפען פּראָווינץ־שטאָדטיל.

דער זייגער האָט געשלאָגען זיעבּען אין אָוענד. פּיער איז געזעססען אין קליינעם עסצימער און געוואַרט, די דיענסט זאָל דערלאַנגען די זופּ. דער גייסטליכער ראַז, וואָס איז געווען אונרוהיג פאַר וואָס ער זעהט ניט פּיער'ן שוין אַ גאַנצען

מאַנאַט, האָט איהם געסטערן געשריעבען אַ בריעף און איינגעלאַדען צו מיטטאָג, כּדי זיי זאָלען רוהיג אויסשמועסען זיך וועגען זייערע געשעפטען. פּיער פלעגט איהם נאָך היינט אויך שיקען געלט פאַר אָרימע לייט, אויסער דעם האָבען זיי געהאַט אַלטע חשבונות נאָכ'ן פּריוט וואָס ראַז האָט געהאַט אויף דער שאַראָן נאַס. נאָך מיטטאָג וועלען זיי זיך דורכרעדען, מיישב זיין וועגען נייע צדקה־זאַכען. פאַרגרעסערן זייער פלייסיגקייט, און דער גוטער ראַז האָט געקוואָלען פון פערגניגען דערמאָנענדיג זיך דעם קינפטיגען אָוועגד, ווען ער מיט פּיער זאַלבאַנאַנד וועלען רוהיג זיצען און זיין בעשעפטיגט מיט זיינע טהייערע אָרימע לייט — דאָס איז געווען זיין איינציגער פערגניגען, די איינציגע שמחה. ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרייסען פון זיין תּאווה, זיין ליידענשאַפט טהון צדקות, הגם ער האָט שוין פיעל מאָל געליטען דורך זיין באַרימהערציגקייט וואָס איז אָהן רעכנונג.

פּיער האָט זיך דערמאָנט וועגען דאָס פרייע בעטטיל אין פּריוט פון אַלטע אַרבייטער און ווי די באַראָנעסע האָט איהם פאַרשפּראָכען בעהאַלטען דאָס בעטטיל פאַר זיין געברויך. ער האָט באַלד געמאַכט אַ רעדע מיט ראָזען, אפשר האָט ער עפּעס אַ אומגליקליכען וואָס איז ווערטה מען זאָל אויף איהם רחמנות האָבען.

— אַ אומגליקליכען וואָס איז ווערט רחמנות? אַך מיין טהייערער, אַללע זיינען ווערט מען זאָל האָבען מיטלייד מיט זיי! ווען מען קאָנן אימיצען גליקליך מאַכען. בפרט אַז עס האַנדעלט זיך וועגען אַלטע בעלי־מלאכות וואָס קאָננען שוין ניט האָרעוועט, איז מען ווירקליך אין אַ פערלעגענהייט: וועמען זאָל מען אויסקלייבען? און מען מוטשעט זיך ביים געדאַנקען, אַז די איבריגע וועלען מוזען בלייבען אין זייערע פינסטערע לעבער, ליידען הונגער און נויטה.

ער האָט זיך פאַרטראַכט און גענומען אויסרעכנען אין קאָפּ די אָרימע לייט.

— וואַרט, איך האָב שוין געפונגען אַ געהעריגען אָרימאַן. ער איז דער אומגליקליכסטער און דער שטיללסטער פון זיי אַללע — אַ אַלטער מאַנן פון צוויי־און־זיעבציג יאהר, פריהער איז ער געווען אַ סטאָליאַר; יעצט לעבט ער פון נדבות שוין אַ יאָהר צעהן קריעגט ער קיין אַרבייט ניט. זיין נאָמען ווייס איך ניט. אַללע רופען איהם פּראָסט „אַלטיטשקער". מאַנכעם מאָל ווייזט ער זיך ניט וואָכען־לאַנג ביי מיר נאָך אַ נדבה. מיר וועלען איהם מוזען אויפזוכען. מיר שיינט, ער נעכטיגט זעהר אָפט אין נאַכט־פּריוט אויף אָרסעל גאַס, ווען דאָרט איז פאַראַן אַ פרייער אָרט. און אַז ניט — וואַלגערט ער זיך ערגעץ אויף דער היילער ערד אונטער אַ פאַרקאַן. אויב איהר ווילט וועלען מיר נאָך היינט אויף דער נאַכט געהן אויף אָרסעל גאַס.

זיינע אויגען האָבען געבלישטשעט, ביי איהם איז געווען אַ יום־טוב, געהן בעזוכען דאָס אָרט וואו די געמיינסטע לייט, די שרעקליכסטע קבצנים קומען נאַכטיגען.

— נו, וואָס, מיר געהען? נאָר דאָס איינציגע מאָל. אויסער דעם איז ניטאָ קיין אַנדער מיטטעל אויב מיר ווילען אָפּזוכען דעם אַלטיטשקען. איהר וועט

מוזען דאדורך פארברענגען מיט מיר ביז עלף א זייגער. מיר ווילט זיך ווידער ווייזען אייך דאס אללעס, איהר וועט זעהן די שרעקליכסטע ארעמקייט, מענשליכע צרות. אפשר וועט אונז געראטען חאטש איינעם פון זיי פארגרינגערן דעם מזל.

פיער האט געשמייכעלט זעהענדיג ביי דעם אלטען גרייזגרויען מאנן אזא יוגענד פייער.

— בלייבט אזוי, מיין טהייערער. איך וועל זיין גליקליך פארברענגען מיט זייך דעם אבענד און מאכען צוזאממען נאך א מאל א שפאציער ווי אמאל — איהר געדענקט, מיר פלעגען צוריקקומען טרויעריג און דאך געפיהלט א מאדנעם נחת.

די דיענסט האט דערלאנגט זופ. די גייסטליכע האבען זיך שוין גענומען זעצען ביים טיש, דערווייל האט אימעצער שוואך אנגעקלונגען אין טהיר. ראז האט געהייסען אריינלאזען, ווען די דיענסט האט געמאלדען אז דאס איז די שכנה׳טע מאדאם מתית געקומען נאך אנטווארט.

— ארימע פרוי — האט ראז ערקלערט זיין גאסט — זי האט געבראכט 10 פראנק פאראויס, אויסקויפען דעם פארזעצטען מאטראץ. איך האב איהר געשאפפט די סוממע... זי וואהנט אין דעם זעלבען הויז. א שרעקליכער דלות. די פארדינסטען זיינען אזוי קליין אז ס׳איז ניטא פון וואנען צו לעבען.

— דאכט מיר אבער אז זי האט א דערוואקסענעם זוהן פון א יאהר צוואנציג — האט פיער געפרעגט דערמאנענדיג זיך וועגען דעם יונגען מענשען וואס ער האט פארבייגעהענדיג געזעהן ביי סאלוואן.

— יא, יא. איהרע עלטערן זיינען געוועזען רייכע לייט, ערגעץ אין דער פראווינץ. מען ערצעהלט אז זי האט חתונה געהאט מיט א לעהרער פון מוזיק וואס האט איהר געגעבען לעקציעס. ער האט זי ארויסגעכאפט פון די עלטערן און געבראכט אין פאריז. נאכדעם איז ער באלד געשטארבען — א גאנצער ראמאן! די יונגע אלמנה האט פארקויפט די בעלי־בתישקייט, צוזאממענגעשלאגען א קאפיטאל און פון די צינזען האט זי געקאנט געבען דעם זוהן לערנען אין גימנאזיום און אליין לעבען גאנץ אנשטאנדיג. נאר א צווייטער אומגליק האט זי באלד געטראפען: איהר קאפיטאל איז געלעגען אין פאפירען וואס זיינען שטארק געפאללען אין ווערטה, און איהר הכנסה איז פארקלענערט געווארען ביז 800 פראנק א יאהר. צווייהונדערט פראנק בעדארף מען צאהלען פאר דער דירה, און אויפ׳ן לעבען בלייבט אין גאנצען פונפציג פראנק א חודש. שוין אנדערהאלבען יאהר איז דער זוהן אוועקגעגאנגען פון איהר, ניט זיין איהר צו לאסט. ער זוכט פארדינען אליין זיין שטיקעל ברויט, נאר, דאכט מיר, איהם געהט אויך ניט.

מאדאם מתית איז אריינגעקומען: א קליינע, מיט שווארצע האר און א אויסגעדארט, טרויעריג פנים. ווען ראז האט איהר אריינגעשטעקט אין האנד די צעהן פראנק איינגעוויקעלט אין א שטיקעל פאפיער האט זי א פארשעמטע איהם געדאנקט.

און פארשפראכען אפגעבען צוריק קוים וועט זי ערהאלטען איהר חודש-געלט. זי איז ניט קיין בעטלערקע און וויל ניט צונעהמען דאס שטיקעל ברויט פון הונגעריגע.

— און וואס מאכט אייער זוהן וויקטאר? — האט ראז געפרעגט — האט ער שוין א שטעללע?

זי איז צומישט געווארען, ווייל זי האט ניט געהאט קיין בעגריף וואס טהוט יעצט איהר זוהן, וועלכער ווייזט זיך ניט פאר די אויגען וואכענלאנג. אנשטאט א קלארע תשובה האט זי געענטפערט אויסמיידענד:

— ער איז א גוטער יונגעל, און ליעבט מיך זעהר... צום אונגליק זיינען מיר פארארימט געווארען איידער ער האט געקאנט אריין אין דער נארמאל-שולע. דארום האט ער ניט געקאנט האלטען עקזאמען. אין גימנאזיום איז ער געווען אזוי פאהיג, אזוי פלייסיג!

— איהר האט פארלוירען אייער מאנן ווען דער זוהן איז מעהר ניט אלט געווען ווי צעהן יאהר?

זי איז רויט געווארען, מיינענדיג אז די ביידע גייסטליכע ווייסען איהר גאנצע געשיכטע:

— יא. מיין ארימען מאנן איז קיינמאל ניט געראטען אין לעבען. די חובות האבען איהם פארביטטערט דאס הארץ, ער האט זיך גענומען צו פאליטיק און געשטארבען אין תפיסה וואו ער איז געזעססען ווייל אויף א אספה האט ער געהאט דאס אומגליק ראניען א פאליציאנט... ער איז געווען אזא בעשיידענער, אזא גוטער! מיך פלעגט ער פארגאטטערן.

איהרע אויגען זיינען פולל געווארען מיט טרערען. ראז האט א געריהרטער זיך געזעגענט מיט איהר.

— וואס זאל מען טהון? לאמיר האפפען אז איהר וועט דערפאר נחת האבען פון אייער זוהן, ער וועט אייך בעצאהלען פאר אלץ וואס איהר האט פון זיינעטוועגען געטהון.

זי איז שטילל ארויסגעגאנגען. א מאך געבענדיג ווי א פערצווייפעלטע מיט דער האנד.

— איך גלויב ניט — האט פיער זיך אנגערופען נאך איהר ארויסגעהן — אז די ארימע פרוי זאל אמאל האבען נחת פון זוהן. איך האב איהם נאר איין איינציג מאל געזעהן און בעמערקט אין זיינע העללע אויגען אזא טרוקענהייט, אזא הארטקייט וואס שניידט ווי א ברייטווע.

— ווירקליך? מיר האט ער אויסגעוויזען זעהר גוט ערצויגען אבוואהל א ביססעל היציג... נאר היינט זיינען אללע יונגע לייט אזוי. אבער לאמיר אונז זעצען צום טיש. די זופ איז שוין אין גאנצען קאלט געווארען.

בעמעט אין דער וועלבער צייט איז אין דער צווייטער זייט פון פאריז, אויף

דער גאַס סאַן־דאָמיניק , די גראַפין דע־קענסאַק געזעסען צוזאַממען מיט'ן מאַרקיז דע מאַריניי אין איהר דונקעלען גאַסט־צימער נעבען אויסגעברענטען קאַמין . די פּאַקקאַיאָווע האָט נאָך ניט דערלאַנגט די לאָמפּ און די גראַפין האָט ניט געוואָלט קלינגען , ווייל זי האָט זיך געפיהלט לייכטער אין דער דונקעלהייט וואָס האָט פאַרשטעללט איהר פאַרזאָרגט פּנים .

— יאָ , מיין פריינד , איך בין אונרוהיג דורך זשעראַרס געזונד . איהר וועט איהם זעהן ; ער האָט מיר אין דער פריה פאַרשפּראָכען קומען צו מיטטאָג . איך וויים אַז פון דרויסען זעהט ער אויס געזונט ווי אַ אָקס . אָבער קיינער קאָנן איהם ניט אַזוי גוט קענען ווי די אייגענע מוטטער . ווי שווער מיר איז אָנגעקומען איהם אויסהאָדעוועון ! ער איז שרעקליך געניינגט צו אַללע קראַנקהייטען , זיי גיבען איהם אַ נעהם מיט אַ מאָל . . . און זיין שטייגער לעבען היינט איז זעהר געפאַהרליך פאַר זיין שוואַכען געזונט .

— אַנדערש קאָן ער ניט לעבען — האָט לאַנגזאַם געענטפערט דער מאַרקיז . וואָס זיין שטרענג און גרויסאַרטיג געזיכט איז קוים קענטיג געווען אין דער פינסטער — קוים האָט ער ניט געקאָנט דערטראָגען די סלוזבע אין מיליטער , און פאַר אַ דיפּלאָמאַטישע קאַריערע שרעקט איהר איך . טאָ וואָס דענן קאָנן ער טהון ? ער מוז שטעהן אָן אַ זייט און וואַרטען אויף דער קאַטאַסטראָפע וואָס מוז קומען אויף פראַנקרייך דורך דער רעפּובליק .

— געוויס , מיין פריינד . אָבער איך שרעק מיך פאַר אַזאַ פּוסטען לעבען אָהן אַרבייט . דאַדורך וועט ער אין גאַנצען פאַרליערען די רעשט ביסעל גוטע מעלות וואָס ער האָט געהאַט . ער איז שוין אַריבער דעם זעקס און דרייסיגסטען יאָהר . ווי לאַנג איז דער שיעור לעבען אָהן אַ תכלית ? עס קאָנן זיין אַז דאַרום איז ער טאַקי ניט געזונט , ווייל ער טהוט קיין זאַך ניט , ברענגט קיין שום נוטצען ניט . . . צו דעם אַללעמען איז נאָך אַ צוגאָב מיין צושטאַנד . איך פיהל מיך זעהר שלעכט , פאַלל אין חלשות . כ'האָב שוין געפרעגט דעם דאָקטאָר . מיט איין וואָרט : ניט היינט איז מאָרגען וועל איך שוין ניט זיין אַ לעבעדיגע .

מאַריניי האָט אַ ציטטערנדער זיך איינגעבויגען צו איהר , גלייך ער ווילל איהר כאַפּען פאַר די האַנד

— איהר וועט ניט לעבען ? אָה , אייך קאָנן איך ניט פאַרליערען , מיין טהייערסטע , מיין לעצטער אוצר אויף דער וועלט . ווען די אַלטע וועלט איז איינגעפאַללען און צושיטט געוואָרען אַרום מיר , האָט מיך ערהאַלטען ביים לעבען נאָר די איינציגע האָפפנונג , אַז נאָר איהר און ניט קיין אַנדערע וועט מיר פאַרמאַכען די אויגען .

זי האָט איהם אָנגעהויבען בעטען , ניט פאַרגרעסערן איהרע שמערצען .

— ניין , מ'דאַרף ניט ! קושט מיר ניט די האַנד ! בלייבט אין דער דונקעל . איך זאָל קוים דערקענען אייער געזיכט . . . לאָמיר ביז צום קבר קאָננען שטאָלצירען .

אַז מִיר הָאבֶּען אוּנְז גֶעלִיעבְּט מִיט אַ רֵיינֶע לִיעבֶּע . . . אויב אִיהר וֶועט מִיךְ אָנְרִיהרֶען אָדֶער זִיצֶען צוּ נָאהֶענְט נֶעבֶּען מִיר, וֶועל אִיךְ נִיט קָאנֶען עֶנְדִיגֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ נָאךְ פִיעל אוֹיפְ'ן צוּנְג .

דֶער מַארְקִיז אִיז רוּהִיגֶער גֶעוָוארֶען אוּנ זִי הָאט וַוייטֶער גֶערֶעדְט :

— וֶוען אִיךְ שְׁטַארְבּ בְּלַייבְּט זְשֶׁערַאר אָהְן דֶעם מִינְדְסְטֶען פַּארְמֶאגֶען. זֶעהר אָפְט הָאט עֶר מִיר גֶעקָאסְט פִיהל מֶעהר וִוי אִיהם אַלֵיין הָאט גֶעקָאנְט דַאכְטֶען . גֶעוִויסס הָאבּ אִיךְ בֶּעדַארְפְט זַיין שְׁטְרֶענְגֶער אוּנ פִיהרֶען קְלִיגֶער . נָאר פַארְפַאלְלֶען, אִיךְ בִּין שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶוען אַ צוּ-שְׁוַואכֶע מוּטטֶער . מִיר זַיינֶען אִין גַאנְצֶען אַרוּנְטֶער-גֶעקוּמֶען, פַארָארִימְט גֶעוָוארֶען . . . יֶעצְט פַארְשְׁטֶעהְט אִיהר שׁוֹין וִויפִיעל אִיךְ לַייד בַּיים גֶעדַאנְקֶען, אַז נָאךְ מַיין טוֹידְט וֶועט זְשֶׁערַאר נִיט הָאבֶּען פוּן וָואס צוּ לֶעבֶּען . . . אִיךְ קֶען אִיהְם זֶעהר גוּט, וַוייס וִוי שְׁוַואךְ עֶר אִיז אוּנ נִישְׁט פֶאהִיג צוּ הֶעלְפֶען זִיךְ אִין אַ נוֹיטְה. עֶר וַוייס קֵיין זַאךְ נִיט, עֶר וַוייס אֲפִילוּ נִיט וִוי אַזוֹי זִיךְ פִיהרֶען . וָואס וֶועט פוּן אִיהְם וֶוערֶען ? זַיין לַאגֶע אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ . . .

אוּנ זִי הָאט זִיךְ בִּיטטֶער צוּוֵויינְט, דָאס הַארְץ הָאט אִיהר גֶעבְּלוּטִיגְט פָארְאוֹיס-זֶעהֶענְדִיג דֶעם טְרוֹיעֶרִיגֶען סוֹף פוּן אִיהר הֵייסְגֶעלִיעבְּטֶען פַארְגֶאטְטֶערְטֶען זוּהְן .

דֶער מַארְקִיז אִיז גֶעזֶעסֶען אַ פֶערְצְוֵוייפֶעלְטֶער . עֶר הָאט גֶעפִיהלְט אַז עֶר הָאט קֵיין רֶעכְט נִיט פָארְלֶעגֶען אִיהר זַיין פֶערְמֶאגֶען אוּנ פְלוּצְלִינְג פֶערְשְׁטַאנֶען דִי [illegible] צָרָה, וָואס פוּן דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער לַאגֶע קֶען אַרוֹיסקוּמֶען .

— אָה אָרִימֶע, טְהַייעֶרֶע מַיינֶע ! — הָאט עֶר זִיךְ עֶנְדְלִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען מִיט אַ צִיטטֶערִיגֶען קוֹל — בַּיי אַייךְ הוֹיבְּט שׁוֹין אָן רֶעכְט וֶוערֶען דִי שֶׁאנְדְלִיכֶע חֲתוּנָה מִיט דֶער טָאכְטֶער פוּן יֶענֶער פְרוֹי . אַלֵיין הָאט אִיהר דָאךְ גֶעשְׁוָוארֶען, אַז דָאס וֶועט קֵיינְמָאל נִיט גֶעשֶׁעהְן, אַייךְ אִיז לִיעבֶּער דֶער טוֹידְט עֶהדֶער אַזַא שַׁאנְדֶע. יֶעצְט פִיהל אִיךְ, זַייט אִיהר שׁוֹין מַסְכִּים צוּ דֶעם !

— נֵיין, נֵיין, אִיךְ בִּין נִיט מַסְכִּים . אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ אַז אִיךְ הָאבּ נָאךְ נִיט מַסְכִּים גֶעוֶוען . אִיךְ רַאנְגֶעל מִיךְ מִיט אַלְלֶע כֹּחוֹת יֶעדֶען טָאג, יֶעדֶע שָׁעָה אוּנ דָאס קָאסְט מִיר גֶענוּג גֶעזוּנְד. אוּנ אֲפִילוּ אַז אִיךְ וֶועל מוּזֶען אַמָאל נָאכְגֶעבֶּען, זָאג אִיךְ אַייךְ בְּפֵירוּשׁ, טְהַייעֶרֶער פְרַיינְד, אַז דִי פַּארְטְיֶע אִיז מִיר דֶערְוִוידֶער פּוּנְקְט וִוי אַייךְ. דָאס אִיז אַ פְלֶעק אוֹיף אוּנְזֶער עֶהרֶע, אַ בִּזָיוֹן פַאר אוּנְזֶער מִשְׁפָּחָה .

וֶוען דִי פָאקָאיָאוֶוע הָאט אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט דִי לָאמְפּ אִיז זְשֶׁערַאר אָנְגֶעקוּמֶען . בַּיים שַׁיין פוּן לָאמְפּ הָאט דָאס צִימֶמֶער שׁוֹין נִיט אוֹיסְגֶעזֶעהֶן אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג אוּנ פִינְסְטֶער וִוי בַּיי טָאג . דֶער יוּנְגֶער מַאנְן הָאט גֶעמַאכְט זֶעהר אַ פְרֶעהלִיכֶע מִינֶע, צוּ בֶּערוּהִיגֶען דִי מוּטטֶער אוּנ כְּדֵי אִיהר זָאל נִיט שְׁטַארְק קְרֶענְקֶען וָואס עֶר וֶועט אִיהר מוּזֶען אָפְּזָאגֶען הַיינְט פוּן מִיטָאג . דִי מוּטטֶער הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט וָואס עֶר אִיז אַזוֹי מוּנְטֶער, אוֹיפְגֶעלֶעבְּט, אוּנ אִיהם בַּאלְד עֶרְלוֹיבְּט גֶעהְן צוּ זַיינֶע פְרַיינְד וָואס וַוארְטֶען אוֹיף אִיהם .

— גֶעה, גֶעה מַיין קִינְד, נָאר מִיעד זִיךְ נִיט אַיין . . . מִיט מִיר וֶועט בְּלַייבֶּען

מארינִיי. ניין א זייגער בעדארף קומען דער גענעראל און לאראמביער, וועט מיר ניט זיין סקוטשנע.

באלד איז טאקי זשעראר אוועקגעפאהרען צום ענגלישען קאווע־הויז.

ווען ער איז אהין געקומען האט ער שוין געטראפפען אויסגעפוצטע דאמען געהען ארויף אויף די טרעפ, די גאבינעטען זיינען פולל מיט פריהליכע קאמפאניעס, די עלעקטרישע לאמפען לייכטען און ס'האט זיך שוין אנגעהויבען דאס פרעהליך לעבען פון אויסגעפיינערטע אויסגעלאסענקייט...

דער קאבינעט וואס באראן דיווילליאר האט בעשטעללט איז געווען קייזערליך פערפוצט מיט וואונדערליכע בלומען און געוויקסען, טהייערע גלאז־ווארק און זילבערנע געשירר. דער טיש פאר זעקס פארשוין איז סערווירט ווי אויף דעם גראסטען יום טוב. אין צעטטעל פון די שפייזען און ווייגען איז אויסגערעכענט דאס טהייערסטע און בעסטע וואס מען קאנן נור קריעגען.

— נו? שאן געמאכט? — האט איהם ענטקעגען־געשריען סילוויאנא, וואס איז שוין געקומען צוזאממען מיט דיווילליאר, פאנסעג און דוטיל — איך האב געוואלט איבערראשען אייער בעריהמטען קריטיקער. נאך אזא מיטטאג מוז ער זיין פריינדליכער. ניט וואהר?

סילוויאנא האט זיך היינט אנגעטהון אין א וואונדערשאנע געל־אטלאסענע קלייד מיט פארצייטישע אלאנסאנער שפיצען. זי איז געווען שטארק דעקאלטירט און די האלז, די ברוסט, די פלייצעס, די ארימס, די האאר זיינען געווען בעהאנגען מיט די טהייערסטע ברילליאנטען.

— איהר זיינט אליין אזוי שאן אז דאס אללעס איז גאנץ איבריג — האט זשעראר געזאגט.

— אט האסטו דיר! — האט זי געענטפערט — איהר מיינט אז איך בין א פראסטע שטאדטישע מאדעל און פאר מיר וואלט מעהר געפאסט מאכען א געוועהנליכען מיטטאג און אנטהון א פראסט קליידעל. א, מיין טהייערער, איהר האט גאר קיין בעגריף ניט ווי אזוי מען דארף ווירקען אויף די מאנספערשוינען.

דיווילליאר האט איהר פאטאקעוועט. ער איז געווען ענטציקט וואס ער קאנן זי ארויסווייזען אין איהר גאנצער פראכט, אויסגעפוצט ווי א אבגאט. פאנסעג האט געמאכט א רעדע וועגען ברילליאנטען, און ערקלערט אז היינטיגע צייטען האבען זיי שוין ניט אזא גרויסען ווערטה, ווייל דורך די עלעקטריע וועט מען באלד אנהייבען מאכען ברילליאנטען אין פאבריקען. דוטיל האט דערווייל א ענטציקטער ארומגעטאנצט נעבען דער יונגער דאמע און איהר צערעכט געמאכט אמאל די פריזור פון קאפ, אמאל א שפיץ פון קלייד.

— נו, און וואו איז אייער קריטיקער? ווייזט אויס, ער איז א גרויסער גראביאן אז ער לאזט אזוי לאנג ווארטען אויף זיך.

דער קריטיקער האט זיך ווירקליך פארזאמט אויף א גאנצע פיערטעל שעה און

גאלד ווי ער איז געקומען האט ער געזאגט, אז עס טהוט איהם זעהר לייד, וואס ער וועט דא ניט קאננען פארברענגען לאנגער ווי ביז האלב צעהן, ווייל ער מוז זיך ווייזען האטש אויף א מינוט אין קליינעם טהעאטער׳ל אויף פיגאלל גאס. דאס איז געווען א הויך־געוויקסיגער העררר פון א יאהר פונפציג מיט א פוללען געזיכט, געוואקסען מיט א דיקען בארד. תיכף ווי ער איז אריין אין קאבינעט האט ער געמאכט א מינע אז ער איז גאר ענטציקט פון סילוויאנען. אמת ער האט זי שוין געקענט פון לאנג און עטליכע מאל מיט קורצע ווארטער קריטיקירט צום שלעכטען גאר איהר שפיעלען, אבער יעצט האט דאס שאנע מאדעל, וואס איז אנגעטהון קייזערליך און ארומגענומען פון אזאלכע פייער וויכטיגע פערזאנען, געמאכט אויף איהם א רושם.

אללע האבען זיך געזעצט צום טיש, און עס האט אנגעהויבען דער מיטטאג. הינטער יעדען גאסט איז געשטאנען א לאקאי וואס האט שטילל און פלינק געטהון וואס דער עלטסטער אויפזעהער האט נאר א ווינק געגעבען. אויף דעם שנעע־ווייססען סערוועט האבען געשמעקט בלומען; די קרישטאללענע און זילבערנע כלים האבען געפונקעלט; די עסען זיינען געווען די זעלטענסטע, די טהייערסטע: פיש בעצויגען פון רוסלאנד. פארבאטענע ווילדפרעט, טריפפלען גרוים ווי א היהנערשע איי, זאפטיגע פרוכטען ווי אין זוממער־צייט. דאס געלט, ווייזט אויס, איז געפלויגען אהין א רעכנונג, צוליעב דעם פערגניגען צאהלען משוגענע פרייזען פאר אזאלכע עסענוואארג וואס א נ׳אנדערער איז ניט אים שטאנד זיי צו קריעגען. אפילו דער גרויסער קריטיקער, אבוואהל ער האט זיך געסטארעט ווייזען אז ער איז געוואהנט צו אזאלכע מאהלצייטען, איז דאך ביססליכווייז ווייכער געווארען און פערשפראכען שטיצען סילוויאנען מיט אללע קראפטען. ער איז איבערהויפט געווען זעהר פראהליך און געשיטט מיט וויצען. נאכ׳ן בראטען און עטליכע גלאזעליך אלטען בורגונדער וויין איז ער גוט צווארעמט געווארען און דער שאמפאניער האט איהם שוין אין גאנצען לאז געמאכט די צונג. ער האט זיך צורעדט גאר אהן א שיעור און גענומען לערנען סילוויאנען, ווי אזוי זי בעדארף שפילען די ראללע אין דער בעריהמטער טראגעדיע וואס איהר האט געגלוסט שפיעלען אין „פראנצאזישער קאמעדיע”. סילוויאנא האט איהם רוהיג אויסגעהערט און געמאכט א מינע אז זי איז זעהר ענטציקט פון דער תורה; ער ווידער איז גאר ענטציקט געווארען וואס די שאנע תלמידקע פארשטעהט אזוי גוט.

קוים האט דער זיינער געשלאגען צעהן איז ער אויפגעשפרונגען פון שטוהל, געזעגענט און ארויסגעלאפפען פון דעם ווארימען, שמעקעדיגען קאבינעט.

— אך, קינדערליך, אייער קריטיקער האט מיר דערעססען צום טויט! — האט סילוויאנא אויסגעשריען — דאס איז א ביססעל א אבגעריססענער נארר! איך וואלט מיך גוט אבגערעכענט מיט איהם ווען איך זאל ניט בעדארפען אנקומען צו זיין לאבקע... א ווארהער אידיאט! געשווינד, גיסט מיר אן שאמפאניער, איך זאל

אָפְּטְרַייבֶּען דִי נִיטְגוּטְקַייט!

נאָבּ'ן קְרִיטִיקֶערְס אַוֶועקְגֶעהֶען אִיז דֶער מָאהלְצַייט גֶעגַאנְגֶען גָאר אוֹיף אַ פְּרַייעֶרֶען אוֹפֶן; דִי פִּיער מַאנְסְפֶּערְשׁוֹינֶען אִין גֶעזֶעלְלְשַׁאפְט פוּן דֶער הַאלְבּ-נַאקִיטֶער, אוֹיסְגֶעפּוּצְטֶער, מִיט בְּרִילְיַאנְטֶען בֶּעגְאָסֶעסֶענֶער פְרוֹי, הָאבֶּען גֶעפִיהלְט וִוי ס'וָואלְט זַיי אָראָפּ אַ מַשָׂא פוּן הַארְצֶען.

פוּן דִי קָארִידָארֶען אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע קַאבִּינֶעטֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעהֶערְט גֶעלֶעכְטֶערְס, גֶעקְלוּנְגֶען קוּשֶׁען, דָאס הוּלְיֶען הָאט גֶערוּישְׁט אַז דָאס גַאנְצֶע הוֹיז הָאט זִיךְ גֶעטְרֵייסֶעלְט. הִינְטֶער דִי פֶּענְסְטֶער אוֹיף דִי בּוּלְוַוארֶען הָאט גֶעיָאגְט אַ שְׁטְרָאם פוּן עֶקִיפַּאזְשֶׁען אוּנ פוּסְגֶעהֶער וָואס לוֹיפֶען הִבֶען פֶערְגְנִיגֶען.

— עֶפְּפֶענְט נִיט, טְהַייעֶרִינְקֶער! - הָאט סִילְוַויאַנַא גֶעזָאגְט פַּאנְסֶעגֶען וֶועלְכֶער אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם פֶּענְסְטֶער — אִיךְ וֶועל חַאפֶּען אַ קַאטַהאר. אִיז אַייךְ דֶען אַזוֹי הֵיים? אִיךְ פִיהל מִיךְ זֶעהר גוּט... הֵייסְט, דִיווִילְיַאר, גֶעבֶּען נָאךְ שַׁאמְפַּאנְיֶער. אִיךְ בִּין שְׁרֶעקְלִיךְ דָארְשְׁטִיג דוּרְךְ אַייעֶר קְרִיטִיקֶער.

אִין קַאבִּינֶעט אִיז גֶעוֶועזֶען אַ דֶערְשְׁטִיקֶענֶעשׁ פוּן דִי לָאמְפֶּען אוּנ דֶעם רֵיחַ פוּן דִי בְּלוּמֶען אוּנ טְהַייעֶרֶע וַויינֶען. אוּנ סִילְוַיאַנֶען הָאט זִיךְ פֶערְגְלוּסְט הוּלְיֶען, טְרִינְקֶען, אָנְשְׁכּוֹר'ן זִיךְ, וַוייזֶען שְׁמוּצִיגֶע שְׁטִיקְלֶעךְ וִוי אִין דִי עֶרְשְׁטֶע יָאהרֶען פוּן אִיהר פְרַייעֶן לֶעבֶּען. עֶטְלִיכֶע בֶּעכֶער שַׁאמְפַּאנְיֶער הָאבֶּען זִי צוּהִיצְט, צוּבְּרֶענְט, אוּנ אִיהר אִיז בֶּעפַאלֶען אַ ווִילְדֶע, אוּנְפַארְשֶׁעמְטֶע, אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶע פְרֶעהלִיכְקַייט. דִי מַאנְסְפֶּערְזָאנֶען הָאבֶּען נָאךְ קֵיינְמָאל זִי נִיט גֶעזֶעהן אִין אַזַא צוּשְׁטַאנְד. פָאנְסֶעג הָאט זִיךְ גֶעקְלִיעבֶּען אַוֶועקְפָּאהרֶען צוּלִיעבּ זַיינֶע רֶעדַאקְצְיֶע-גֶעשֶׁעפְטֶען, אוּנ בַּיים גֶעזֶעגֶנֶען הָאט זִי אִיהם גֶעקוּשְׁט וִוי אַ צֶערְטְלִיכֶע טָאכְטֶער, דֶערפַאר וָואס — לוֹיט וִוי זִי הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרִיקְט — נָאר עֶר אַלֵיין הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעלֶעגְט כָּבוֹד אוֹיף אִיהר. בְּלַייבֶּענְדִיג אַלֵיין מִיט דִי דְרַיי אַלְטֶע בֶּעקַאנְטֶע הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ בֶּעגֶעהן מִיט זַיי גְרָאבּ, גָאר אָהן צֶערֶעמָאנִיֶעס, אוּנ נִיט גֶעזַאלֶעוֶועט קֵיין גְרָאבֶּע וֶוערְטֶער, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נָאךְ מֶעהר זַיי צוּרֵייצְט אוּנ דֶערְוֶועקְט. וָואס מֶעהר זִי הָאט גֶעטְרוּנְקֶען אִיז זִי אַלְץ אוּנְפַארְשֶׁעמְטֶער גֶעוָוארֶען. זִי הָאט גֶעוואוּסְט אַז אִין דֶעם בֶּעשְׁטֶעהט אִיהר חִדּוּשְׁדִיגְקַייט: דָאס גֶעזִיכְט אִיז פוּן אַ אוּנְשׁוּלְדִיג מֶעדֶעל, דָאס אוֹיסְזֶעהֶען — פוּן אַ כְּשֵׁרָה צְנוּעָה, וֶועהרֶענְד אִין אֶמֶת אִיז זִי פְרֶעךְ אוּנ פַארְדָארְבֶּען אוֹיפ'ן הֶעכְסְטֶען גְרַאד. בִּפְרַט נָאךְ וֶוען זִי אִיז גֶעוֶועזֶען שִׁכּוֹר פְּלֶעגֶען אִיהר אַיינְפַאלֶען אַזֶאלְכֶע ווִילְדֶע, טַייוֶועלְשֶׁע פַאנְטַאזְיֶעס, אַז דִי מַאנְסְפֶּערְזָאנֶען פְּלֶעגֶען פוּן זֵיי שִׁיעֶר מְשׁוּגָע וֶוערֶען.

דִיווִילְיַאר הָאט אִיהר עֶקְסְטְרַא גֶעלָאזְט זִיךְ אָנְטְרִינְקֶען אוּנ נָאךְ צוּגֶעהָאלְפֶען, כְּדֵי עֶר זָאל זִי אַ שִׁכּוֹרָה אָפְּפִיהרֶען אַהֵיים. זִי הָאט אָבֶּער פַארְשְׁטַאנֶען זַיין כַּוָּנָה אוּנ חִיטְרֶע גֶעלַאכְט.

— אִיךְ זֶעה דִיךְ אַדוּרְךְ אוּנ דוּרְךְ, דוּ גְרָאבֶּער מַיינֶער. דוּ מֵיינְסְט אַז הַיינְט וֶועל אִיךְ דִיךְ לִיעבּ בֶּעקוּמֶען וֶועהרֶענְד אִיךְ ווִיל נוּר לוּסְטִיג זַיין. אָ נֵיין, אַפִּיג! דוּ וֶועסְט בַּיי מִיר גָאר נִיט פוּעֶל'ן עֶהֶדֶער דוּ וֶועסְט נִיט אוֹיסְפִיהרֶען אִיךְ זָאל אַרַיין

אין דער „קאמעדיע" .

דער באנקיר, וועלכען זי האט ניט צוגעלאזט צו זיך שוין באלד זעקס וואכען, האט געשמייכעלט אין דער שטילל אונ געהאפט אז איהם וועט פארט געראטען זי צופיהרען א היים ווען ער וועט נור זיין געדולדיג. זשעראר, אויף וועלכען זי האט צארטליך געקוקט, דערמאנענדיג די צייטען ווען זי האט איהם געליעבט, איז אויך געזעססען מיט דער זיססער האפפנונג אז ער וועט קענען פרעהליך פארברענגען מיט איהר א נ'אווענד, אונ דוטיל, וואס האט שטאנדיג געזוכט די געלעגענהייט זי צו בעקומען, איז געוועזען יעצט זיכער ביי זיך אז היינט איז געקומען זיין צייט.

ווען זי האט קיין כח ניט געהאט מעהר צו טרינקען איז איהר איינגעפאללען א זעלטענער געדאנקען.

— הארט, קינדער, מיר וועלען דאך דא ניט בלייבען נאכטיגען: מיר איז לאנגווייליג. מען דארף עפעס אויסטראכטען... שטעהט, פיהרט מיך אוועק צום „שרעקליכען קאבינעט", דארט וועלען מיר ענדיגען דעם אווענד. איך וויל הערען דאס ליעד „די העמד" וואס לעגרא זינגט. גאנץ פאריז רעדט פון דעם.

יעצטיגעס מאל איז דיוווילייאר באז געווארען.

— אהה, ניין, זייט מוחל! דאס ליעד איז א שרעקליכע פאסקודסטווא. פאר קיין געלט וועל איך אייך ניט פיהרען אין אזא שמוציגען ארט.

זי האט זיך געמאכט ווי ניט הערענדיג אונ איז מיט א געלעכטער צוגעגאנגען מיט פלאנטעדיגע פיס צום שפיעגעל, פאררריכטען די האר.

— איך האב אמאל געוואהנט אין מאנמארטר אונ מיר גלוסט זיך יעצט אהין צוריקגעהן. אגב וועל איך זעהן אויב דאס איז דער איינענער לעגרא וועלכען איך האב אמאל, גאנץ לאנג, געקענט. היידא! מיר פאהרען!

— אבער, טייבעלע, מיר קאנגען אייך ניט פיהרען אהין אין אזא טואלעט. ווי אזוי וועט איהר אריין אין אזא קאבאק אין א באל־קאסטיום בעהאנגען מיט ברילליאנטען? מען וועט אונז אויספייפען! זשעראר, גיב דו איהר צו פארשטיין.

זשעראר'ן איז אויך ניט געפאללען אזא מין שפאציר אונ ער האט געוואלט זיך אריינמישען. זי אבער האט איהם מיט'ן האנד פארשטעללט דאס מויל אונ געזאגט א איינגעקשנתע:

— קיין ווארט! לאז מען פייפען וועט נאך לוסטיגער זיין, מיר פאהרען, די רגע!

דוטיל האט געשמייכעלט מיט דער מינע פון א לעבּ־יונג וואס אלץ איז ביי איהם רעכט. ער האט געהאלטען פאר סילוויאנאן.

— ליעבער באראן, אללע פאהרען אהין. איך זעלבסט האב בעגלייט אריסטאקראטקעס וואס זיינען עקסטרא געפאהרען הערען דאס ליעד פון דער העמד. זי איז ניט ערגער פון אללע אנדערע ליעדער.

— אהא, דו הארסט גראבער וואס דוטיל זאגט? אונ ער איז דאך א דעפוטאט.

זיין כּבוד איז בּיי איהר טהייער.

דערהעהענדיג אז דיוויליאר קוויינקעלט אונ איז אין פערצווייפלונג וואס עס וועט מוזען זיך ווייזען מיט איהר פארן גאנצען עולם אין אזא מאוסן ארט, איז סילוויאנא נאך מעהר לוסטיג געוואָרען.

— איבּריגענס ווי דו ווילסט, מיין גראבּינקער. איך בּעדארף דיך ניט. געה וואוהין דו ווילסט מיט זשעראר׳ן אונ פרייט אייך בּיידע. . . איך וועל פאָהרען מיט דוטיל. אַ יאָ, דוטיל איהר וועט מיך אבּפיהרען?

ניט אזא סוף האט געמיינט דער בּאראָן אונ מיט א פארקלעמט הארץ האט ער געמוזט נאכגעבּען דעם קאפּריז פון דער שרעקליכער פרוי, וואס קוקענדיג אויף איהר איז ער געוואָרען אויסער זינן. נאר ווענינגסטענס האט ער געוואלט אז זשעראר זאל אויך מיטגעהן. ער האט איהם אנגענומען פאר בּיידע האנד אונ זיך געבּעטען, ער זאל איהם טהון די טובה ווי א אמתער גוטער פריינד. סוף כּל סוף האט דער בּעליבּטער פון זיין פרוי, דער האָהן פון זיין טאכטער, געמוזט נאכגעבּען דעם מאן אונ דעם פאטער.

סילוויאנא האט אויף זיי געקוקט אונ געקייכט פון געלעכטער. דוטיל האט גענומען טרייסטען דעם בּאראָן, אז אין „שרעקליכען קאבּינעט" איז פאראן א מין לאָזשע, וואו זיי קאנגען זיצען אז קיינער זאל ניט בּעמערקען.

צום גליק איז בּאלד בּיים ארויסגאנג פון קאוועהויז געשטאנען סילוויאנעס פארמאכטער עקיפּאזש מיט דעם ריזעדיגען קוטשער וואס זיצט אונ דרימעלט. די קאמפּאניע איז אוועקגעפאהרען.

דער „שרעקליכער קאבּינעט" איז געווען אין א אלטער קאווארנע אויפן בּולוואר ראָששואר. דער זאל פארן פּובּליקום איז א ניעדריגער, א שמאלער, א קרומער, מיט דונקעלע ווינקלען אונ א פארויכערטען סופיט. אויף די וואנד זיינען אויסגעקלעקט אפּישען מיט געמיינע געמאלדען. אין עק זאל, נעבּען א פאר טעפּיאן איז א קליין עסטראדע (בּימה) אונ הינטען א טהיר, פארהאנגען מיט א דיקען פארהאנג. ווייטער איז אין זאל גאר ניט געוועזען אויסער פּראסטע בּענקליך אהן קישעלעך, אהן געבּעטאכץ, אונ נעבּען די בּענקליך פּראסטע קליינע טישלעך ווי אין א געוועהנליכען בּיער־הויז. די טישלעך זיינען קלעבּעדיג פון דער נעץ פון די גלאזער. ס׳איז ניט געוועזען קיין מינדסטע פערפּוטצונג, אדרבּא — זעהר שמוציג. די גאז־פלאמען האבּען געבּרענט אהן קלאָשען, די לופט האט געשטיקט, פולל מיט רויך אונ מענשליכע פארע. ווי דורך א נעפּעל האט מען געזעהן רויטע פאר־שוויצטע געזיכטער, אונ נאך יעדער ליעד פון עסטראדע האבּען די וואנט געציטערט פון די קולות אונ ענטציקטע געשרייען. — ס׳איז געוועזען געגוג צוזאממענקלאפּען פון עטליכע בּרעטער א מין סצענע, ארויפלאָזען א לעגרא מיט נאך צוויי־דריי געמיינע מיידען, זאלען זינגען שמוציגע ליעדער — אונ גאנץ פּאריז איז געלאָפּען אהער, זיך איינרכטען אין דער בּלאָטע . . .

בַּיי אֵיינֶעם פוּן דִי פָאדֶערְשְׁטֶע טִישְׁלֶעךְ , נֶעבֶּען עֶסְטְרַאדֶע , אִיז גֶעזֶעסֶען דִי־
ייִנֶע פִירְשְׁטִין דֶע־הַארְפּ מִיט אוּנְזִינִיגֶע אוֹיגֶען , דִי גָאז־פְלִיגֶלֶען הָאבֶּען זִיךְ
גֶוועגְט אוּנ גֶעפְלַאטֶערט . זִי אִיז גֶעוֶוען עֶנְטְצִיקְט וָואס זִי קֶענֶען צוּפְרִיעדֶענ־
טֶעלֶען אִיהר נַייגִיעֶרִיגְקַייט אוּנ זֶעהן דָאס גְרָאבֶּע שְׁמוּצִיגֶע לֶעבֶּען פוּן פַּארִיז .
נֶר יוּנְגֶער הֶיאַצִינְט , וָואס אִיז מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען זִי אַהֶער בְּרֶענְגֶען , אִיז גֶעזֶעסֶען
ן זַיין לַאנְגֶען , פַארְשְׁפִּילֶעטֶען סוּרְדוּט אוּנ גֶעשְׁמַייכֶעלְט . בַּיים צְווייטֶען טִישֶׁעל
אבֶּען זַיי דֶערְזֶעהן אַ בֶּעקַאנְטֶען הִישְׁפַּאנְיֶער , אַ מַאכֶער אִין דֶער בֶּארְזֶע , בֶּ ע ר הַ א ז ,
עלְכֶען יַ א נְ סֶ ע ן הָאט אַרַיינְגֶעפִיהרְט אִין דֶער פִירְשְׁטִינְס הוֹיז אוּנ עֶר פְלֶעגְט זַיין
ארְט אַ שְׁטֶאנְדִיגֶער גַאסְט אוֹיף אַלֶע בֶּאלֶער . אִיבְּרִיגֶענְס הָאבֶּען זַיי אִיהם גַאנְץ
עֶנִיג גֶעקֶענְט אוּנ אֲפִילוּ נִיט גֶעוואוּסְט אוֹיבּ עֶר פַארְדִיעֶנְט ווִירְקְלִיךְ אַזוֹי פִיעל־
נִלט אוֹיף דֶער בֶּארְזֶע , וָואס עֶר עֶרְלוֹיבְּט זִיךְ מַאנְכֶעס מָאל זַיין אַזַא אוֹיסְבְּרַיינְגֶער .
גֶעטְהוּן אִיז עֶר גֶעוֶוען ווִי אַ פְּרַאנְט אוּנ הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהן סְטַאטִישׁ מִיט זַיין
יבֶּען גֶעוואוּקְס , מִיט דִי רוֹיטֶע לַיידֶענְשַׁאפְטְלִיכֶע לִיפֶּען אוּנ הֶעלֶע אוֹיגֶען ווִי
יי אַ חַיָה־רָעָה . יֶעצְט אִיז עֶר גֶעזֶעסֶען מִיט נָאךְ צְווֵיי יוּנְגֶע לַייט , שַׁארְלַאטַאנֶעס
י עֶר .

— אוּם גָאטֶעס ווִילֶען — הָאט רָאזֶעמָאנְדַא זִיךְ גֶעבֶּעטֶען בַּיי בֶּערְהַאזֶען —
יהר קֶענְט דָאךְ דִי גַאנְצֶע מִאוּסֶע קָאמְפַּאנְיֶע , ווַייזְט מִיר עֶפֶּעס מֶערְקְווִירְדִיגֶע
עֶנְשֶׁען , לְמָשָׁל גַנָבִים , מֶערְדֶערְס !

עֶר הָאט זִיךְ פַאנַאנְדֶערְגֶעלַאכְט אוּנ גֶעמַאכְט לֵיצָנוּת פוּן אִיהר .

— אָה , מַאדַאם , אִיהר קֶענְט אַלֵיין זֶעהר גוּט דִי גַאנְצֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט . אָט
ארְט , דִי יוּנְגִיטְשְׁקֶע רַאמֶע , אַזַא צַארְטֶע , רָאזָאוֶוע , אַ מְחַיֶה צוּ קוּקֶען — אִיז
אַמֶערִיקַאנֶערְקֶע , אַ קָאנְסוּלְס פְרוֹי . עֶר קוּמְט גֶעווִיס צוּ אַיךְ . דִי צְווייטֶע ,
עכְטֶס , דִי הוֹיכֶע בְּרוּנֶעטְקֶע , וָואס הָאט אַזַא שְׁטָאלְצֶען אוֹיסְזֶעהן ווִי אַ קֵייזֶערִין ,
יז אַ בֶּעוואוּסְטֶע פִירְשְׁטִין . אִיהר קַארֶעטֶע בֶּעגֶעגֶענְט זִיךְ יֶעדֶען טָאג מִיט אַיירֶער
יֶען אִיהר קַאטַאיֶעט זִיךְ אִין ווָאלְדִיל . אוּנ יֶענֶע מָאגֶערֶע — דָארְט ווַייטֶער — מִיט
רֶענֶענְדֶע אוֹיגֶען ווִי בַּיי אַ וָואלְף , אִיז אַ פְרַיינְדִין פוּן אַ גְרוֹיסֶען צִינָאוְונִיק וָואס אִיז
עקַאנְט מִיט זַיינֶע שְׁטְרֶענְגֶע זִיטֶען .

זִי הָאט אִיהם מִיט פֶערְדְרָאס אִיבֶּערְגֶעהַאקְט דִי רֵייד .

— אִיךְ ווֵייס , אִיךְ ווֵייס . . . ווַייזְט מִיר אָבֶּער פוּן דֶער נִידְרִיגֶער קְלַאסֶע .
יי וָואס מֶען קוּמְט עֶקְסְטְרַא זַיי זֶעהֶען דָא .

זִי הָאט אִיהם פַארְוָוארְפֶען מִיט שַׁאֲלוֹת אוּנ נָאר אַרוּמְגֶעזוּכְט שְׁרֶעקְלִיכֶע
עהַיימֶע פְּנִימֶער . לְסוֹף הָאבֶּען זִיךְ אִיהרֶע אוֹיגֶען אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף צְווֵיי הֶערֶען
וָואס זַיינֶען גֶעזֶעסֶען אִין אַ ווִינְקֶעל אוּנ גֶעטְרוּנְקֶען פַּאמֶעלַאךְ , שְׁטִילְל דִי קוּפְלֶען
בִּיעֶר . אֵיינֶער פוּן זַיי אִיז נָאךְ גָאר אַ יוּנְגֶער , מִיט אַ בְּלַאסֶען , מָאגֶערֶען פְּנִים ,
אוּנ דֶער צְווייטֶער אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ צוּ עֶרְקֶענֶען זַיין עֶלְטֶער . אָנְגֶעטְהוּן אִין

אַ אַלְטֶען פַּאלְטָא אוּנ דָאס הִיטְטֶעל בִּיז אַרָאפְּגֶערוּקְט אִיבֶּער דֶער נָאז, אַז בֶ
זֶעהט נָאר אַ שְׁטִיקֶעל בָּארְד.

— נו, מַיין לִיעבֶּע — הָאט זִיךְ דְהַאצִינְט צוּלַאכְט — אוּיב אִיהר זוּכְט אִיבֶּע
גֶעקְלֵיידְטֶע מֶערְדֶערְס הָאט אִיהר דָאס מָאל נִיט גֶעטְרָאפֶּען. דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶ
יוּנְגֶער מַאנן מִיט'ן בְּלַאסֶען פָּנִים, וָואס מֶען זֶעהט אִיהם אָן אַז עֶר אִיז נִיט גֶעוְואה
צוּ עֶססֶען מִיטָטָאג יֶעדֶען טָאג, אִיז מַיינֶער אַ גֶעוֶועזֶענֶער חָבֵר; מִיר הָאבֶ
צוּזַאמֶען גֶעלֶערְנְט אִין לִיצֶעאוּם.

בֶּערְהַאז הָאט אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעגֶעבֶּען אַ פֶּערְוואוּנְדֶערְטֶער:

— אִיהר הָאט גֶעקֶענְט מַתִּית'ן אִין לִיצֶעאוּם? אַךְ יָא, אֶמֶת, עֶר הָאט דָאר
גֶעלֶערְנְט. זַייט אִיהר אַלְזָא בֶּעקַאנְנְט מִיט מַתִּית'ן?... אַ זֶעלְטֶען פֶאהִיגֶער יוּנְגֶעל
אָבֶּער דִי נוֹיטְה הָאט אִיהם דֶערְדְרִיקְט... אוּנ דֶעם צְוֵויישֶען וֶועם זִיצְט מִיט אִיה
קֶענְנְט אִיהר אוֹיךְ?

דְהַאצִינְט הָאט זִיךְ צוּגֶעקוּקְט צוּם מֶענְשֶׁען מִיט דֶעם אַרָאבְּגֶערוּקְטֶען הִיטְטֶעל
גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קָאפּ אוֹיף „נֵיין" אוּנ הָאט גֶעוָואלְט עֶפֶּעס זָאגֶען. פְּלוּצְלִינְג הָא
אִיהם בֶּערְהַאז אַ שְׁטוּפּ גֶעגֶעבֶּען מִיטְ'ן עֶלְלֶענְבּוֹיגֶען עֶר זָאל שְׁוַויגֶען אוּנ אִיה
שְׁטִילל אַיינְגֶערוּימְט אִין אוֹיעֶר:

— טְסְסְ... רַאפַּאנֶעל אִיז גֶעקוּמֶען. אִיךְ הִיט מִיךְ פַאר אִיהם פוּן אַ גֶעוִויססֶ
צַייט. קוּים וַוייזְט עֶר זִיךְ שְׁמֶעקְט בַּאלְד מִיט פָּאלִיצֶיע.

רַאפֶּענַאל אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען אֵיינֶער פוּן דִי חֶבְרָה אַנַארְחִיסְטֶען, וָואס יַאנְסֶע
הָאט אַרַיינְגֶעפִיהְרְט אִין דֶער פִּירְשְׁטִינְס הוֹיז ווֶען אִיהר אִיז אַיינְגֶעפַאלֶען דֶער
מְשׁוּגַעַת זִיךְ אָפְּגֶעבֶּען מִיט רֶעוָואלוּצְיָאנְס־גֶעשֶׁאפְטֶען. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ קְלֵיינִיטְשְׁקֶער
קַיילֶעכְדִיגֶער, פְרֶאהלִיכֶער מֶענְשִׁיל, מִיט אַ קִינְדֶערְשֶׁע מָארְדֶע אוּנ אַ קְלֵיין נֶאזֶע
חֶעלְבֶּען מֶען הָאט קוּים אַרוּיסְגֶעזֶעהן צְווִישֶׁען דִי צְוֵויי פֶּעטְטֶע בַּאקֶען. עֶר הָאט
גֶעהַאט אַ שֵׁם פַאר אַ ווִילְדֶען אַנַארְחִיסְט. אוֹיף דִי אֲסֵפוֹת הָאט עֶר גֶעדְרֶשְׁנְט מֶען
זָאל נָאר בְּרֶענְנֶען אוּנ מָארְדֶען. דָאס אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער חִדוּשׁ, אַז הֵנֵּה
עֶר אִיז שׁוֹין פִיעל מָאל גֶעוֶוען פַארְמִישְׁט, אִיז עֶר פָארְט אַרוּם פְרַיי וֶועהרֶענְד
זַיינֶע חֲבֵרִים זַיינֶען אַלְלֶע אַרַיינְגֶעפַאלְלֶען אוּנ גֶעזֶעססֶען אִין אַסְטְרָאג. דִי מַעֲשֶׂה
אִיז סוֹף כָּל סוֹף גֶעוָוארֶען אַלְלֶעמֶען אוֹיפְפַאלֶענְד.

רַאפַּאנֶעל הָאט גַאנְץ בְּרֵייט גֶעדְרִיקְט דֶער פִּירְשְׁטִין דִי הַאנְד אוּנ אוּמְגֶעבֶּעטֶען
זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּיי אִיהר טִישֶׁעל אוּנ תֵּכֶף גֶענוּמֶען זִידְלֶען דִי הוֹיכֶע־קְלַאסֶען וָואס
קְרִיכֶען אַהֶער אִין אַזַא נִיעדְרִיגֶען אָרְט. רָאזֶעמָאנְדַא הָאט אִיהם אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען
פַייעֶר אוּנ אַללֶע מַאנְסְפֶּערְזָאנֶען וָואס זַיינֶען גֶעזֶעססֶען אַרוּם זַיינֶען אִין כַּעַס
גֶעוָוארֶען.

בֶּערְהַאז הָאט אִיהם שַׁארְף בֶּעטְרַאכְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל, גְלַייךְ עֶר אִיז אִיהם
שְׁטַארְק חוֹשֵׁד. צַייטֶענְוַויז הָאט עֶר גֶעוָוארְפֶען אַ בְּלִיק אוֹיף זַיינֶע צְוֵויי אַדְיוּטַאנְטֶען,
דִי יוּנְגֶע לַייט וָואס זַיינֶען אִיהם גֶעוֶוען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען מִיט לַייב אוּנ זֶעלֶע אוּנ

גֶעפָּאלְגְט וִוי גֶעהָארְזַאמֶע תַּלְמִידִים .

דֶערְוַוייל זַיינֶען אַרוֹיף אוֹיף דֶער סְצֶענֶע אֵיינֶע נָאךְ דִי אַנְדֶערֶע צְוַויי זֶענְגֶערִינְס, דִי עֶרְשְׁטֶע אַ פֶּעטטֶע וֶועלְכֶע הָאט גֶעזוּנְגֶען נַאִרִישֶׁע רָאמַאנְסֶען , דִי צְוֵוייטֶע אַ מָאגֶערֶע הָאט גֶעזוּנְגֶען צִינִישֶׁע, עֶקֶעלְהַאפְטֶע לִיעדְלֶעךְ . דָאס פּוּבְּלִיקוּם הָאט גֶעפַּאטְשְׁט בְּרַאוָוא מִיט גְרוֹיס הִיטְץ. קוֹים אִיז עֶטְוָואס שְׁטִיללֶער גֶעוָוארֶען הָאט זִיךְ אִין דֶער קְלֵיינֶער לָאזְשֶׁע , טִיעף אִין זַאל גֶעוִויזֶען פַּאר'ן עוֹלָם סִילְוַויאַנַא אִין אִיהר גֶעל־אַטְלַאסֶענֶער קְלֵייד בֶּעשִׁיטט מִיט בְּרִילְיַאנְטֶען. זִי אִיז גֶעשְׁטַאנֶען גְלַייךְ פָּארֶענְט מִיט'ן פְּנִים צוּם גַאנְצֶען פּוּבְּלִיקוּם אוּנ אִין זַאל אִיז גֶעוָוארֶען אַ נַייֶער שְׁטוּרְם : גֶעלֶעכְטֶער , גֶעשְׁרַייעֶן , פַּייפֶען , רִיטְשֶׁען וִוי פוּן בְּהֵמוֹת , פַּאטְשֶׁערַיי מִיט דִי הֶענְד .

דֶער סְקַאנְדַאל אִיז נָאךְ גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען וֶוען מֶען הָאט הִינְטֶער אִיהר דֶערְזֶעהֶען דִי דְרַייא מַאנְסְפֶּערְשׁוֹינֶען : דִיוִוילְיַאר , דוּטִיל אוּנ זְשֶׁערַאר , מִיט עֶרְנְסְטֶע גֶעזִיכְטֶער , אָנְגֶעטְהוּן אִין פְרַאקֶען מִיט וַוייסֶע הַאלְזְטִיכֶער .

— נוּ , אֶט הָאט אִיהר ! וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט ? — הָאט דִיוִוילְיַאר גֶעמוּרְמֶעלְט מִיט גְרוֹיס פֶּערְדְרָאס , וֶועהרֶענְד זְשֶׁערַאר הָאט זִיךְ גֶעסְטַארֶעט בֶּעהַאלְטֶען הִינְטֶען אִין שָׁאטֶען פוּן דֶער לָאזְשֶׁע .

אָבֶּער סִילְוַויאַנַא הָאט גֶעשְׁמֵייכֶעלְט אוּנ גֶעשְׁטַאנֶען אַ פְּרֶעהלִיכֶע, אַ עֶנְטְצִיקְטֶע אוּנ גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם עוֹלָם מִיט אִיהרֶע בְּלוֹיֶע אוֹיגֶען אוּנ אוּנְשׁוּלְדִיג פֶּנִימְל , גְלַייךְ וִוי זִי וָואלְט גֶעשֶׁעפְּט גְרוֹיס תַּעֲנוּג פוּן אִיהר הֵיימִישֶׁער לוּפְט , וואו זִי אִיז גֶעבּוֹירֶען אוּנ אוֹיפְגֶעהָארֶעוֶועט גֶעוָוארֶען .

— וָואס אִיז דֶער אוּמְגְלִיק ? — הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם בַּארָאן , וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטֶען בַּיי אִיהר , זִי זָאל אַנִידֶערְזֶעצֶען — זַיי אַללֶע זַיינֶען פְרֶעהלִיךְ . ס'אִיז אַ מְחַיֶּה . . . אַ פֶּערְגְנִיגֶען . . .

— גֶעוִויסס , זֶעהר אַנְגֶענֶעהם — הָאט דוּבּ ל פָּאטַאקֶעוֶועט ; עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ דָא גֶעפִיהלְט בֶּעקְוֶועם וִוי אִין דֶער הֵיים — זִי האט רֶעכְט . פאר וָואס זָאללֶען מִיר אוּנְז נִיט לוּסְטִיג מַאכֶען ?

דֶער רַעַשׁ אִיז נָאךְ אַלְץ נִיט שְׁטִיללֶער גֶעוָוארֶען אוּנ דִי קְלֵיינֶע פִּירְשְׁטִין דֶע־הָארְפּ אִיז זָאגַאר אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן אָרְט , זִי זָאל בֶּעססֶער זֶעהֶן .

פְּלוּצְלִינְג הָאט זִי אַ שְׁטוֹיס גֶעגֶעבֶּען הַיַאצִינְטֶען .

— זֶעהט נָאר , דָאס אִיז דָאךְ אַייֶער פָּאטֶער מִיט דֶער סִילְוַויאַנַאן ! קוּקְט נָאר , קוּקְט ! מֶען בֶּעדַארְף זַיין גֶענוּג פְרֶעךְ זַייזְעֶן זִיךְ דָא צוּזַאממֶען מִיט אִיהר !

הְיַאצִינְט הָאט אֲפִילוּ נִיט גֶעוָואלְט אַ קוּק גֶעבֶּען . אִיהם אִינְטֶערֶעססִירְט עֶס גַאנְץ וֶועניג אוּנ דֶער פָּאטֶער אִיז אַזוֹי אַ אִידְיָאט אַז עֶר קֶען זַיין אַזוֹי צוּגֶעקְלֶעבְּט צוּ אַזַא מוֹיד . עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט בֶּעהַאלְטֶען זַיין עֶקֶעל צוּ פְרוֹיעֶן .

— אִיהר בְּרֶענְגְט מִיךְ אִין כַּעַס , מַיין לִיעבֶּער ! — הָאט גֶעזָאגְט דִי פִּירְשְׁטִין אוּנ זִיךְ גֶעזֶעצְט כִּמְעַט אוֹיף דִי קְנִיעֶ פוּן אִיהר קַאוַואלְיֶער . בַּיי אִיהר אִיז פֶּעסְט גֶעבְּלִיעבֶּען , צְווִינְגֶען אִיהם . עֶר זָאל זִי הַיינְט אָבְּפִיהרֶען אַהֵיים אוּנ פַאר־

הַאלְטֶען דָארְט מִיט אַ תִּירוּץ: עֶר זָאל בַּיי אִיהר טְהֶעֶע טְרִינְקֶען — דָאס זַייט אִיהר אַ אִידְיָאט וָואס מַאכְט דֶעם אָנְשְׁטֶעלל פוּן אַ וַוייבֶּער־שׂוֹנֵא... אַייֶער פָּאטֶער אִיז הוּנְדֶערְט מָאל קְלִינְגֶער פוּן אַייךְ. זִי אִיז זֶעהר שֶׁאן, זִי אִיז בֶּעצוֹיבֶּערְנְד.

הַנַאצִיוֹנְט הָאט זִיךְ צוּלַאכְט, אוּנ גֶעגֶעבֶּען אָנְצוּהֶערְנִישׁ אוֹיף סִילְהַיאַנַאס בֶּעקַאנְנְטֶע פֶערְדָארְבֶּענְהַייט:

— אוֹיב אִיהר ווִילְט וֶועל אִיךְ גֶעהְן זָאגֶען אִיהר... דֶער פַּאפַּא וֶועט אַייךְ בֶּעקֶענֶען אוּנ אִיהר וֶועט פַּאססֶען אַיינֶע צוּ דֶער אַנְדֶערֶע...

רָאזֶעמָאנְדַא הָאט פַארְשְׁטַאנֶען זַיין מֵיין אוּנ גֶעזָאגְט מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער:

— נֵיין, נֵיין, אִיךְ בִּין נָאר אַ נַייגִיעֶרִיגֶע פְרוֹי, אָבֶער אַזוֹי וַוייט הַאלְט אִיךְ נָאךְ נִיט.

— עֶס וֶועט קוּמֶען אַ צַייט וֶוען אִיהר וֶועט אוֹיךְ אַזוֹי הַאלְטֶען. מֶען בֶּעדַארְף דָאךְ אַלְסְדִינְג פַּארְזוּכֶען אִין לֶעבֶּען.

— עֶס קֶאנְן זַיין. וֶוער וֵוייס?

פְּלוּצְלִינְג אִיז דֶער רַעשׁ שְׁטִילל גֶעוָוארֶען, אַללֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף דִי אֶרְטֶער אוּנ אָנְגֶעשְׁטֶעללְט מוֹיל אוּנ אוֹיעֶרֶען. לֶעגְרַא אִיז אַרוֹיף אוֹיף דֶער סְצֶענֶע. דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ הוֹיכֶער מַאנְסְפֶּערְזָאן מִיט אַ בְּלַאסֶען, קַיילֶעכְדִיגֶען, אָבְגֶעגָאלְטֶען פְּנִים, מִיט אַ הַארְטֶען בְּלִיק אוּנ אַ גֶעזוּנְטֶע מָארְדֶע — אַ צוּרָה פוּן אַ זָכָר וָואס הָאט דִי מַאכְט אִיבֶּער נְקֵבוֹת אוּנ זַיי פַארְגַאטֶעטֶערְן אִיהם. לֶעגְרַא אִיז נִיט גֶעוֶוען אָהְן טַאלַאנְט, הָאט גֶעזוּנְגֶען רֶעגֶעלְמֶעססִיג מִיט אַ קְלִינְגֶענְדֶער שְׁטִימֶע. אִין זַיינֶע קוּפְּלֶעטֶען „בְּלוּמֶען פוּן גַאססֶען בְּרוּק" הָאט עֶר גֶעשִׁילְדֶערְט דִי יְסוּרִים אוּנ דָאס עֶמוּצִיג לֶעבֶּען פוּן דִי נִידְרִיגֶע קְלַאססֶע מֶענְשֶׁען.

דִי פָּארְטֶעפְּיַאן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁפִּילֶען אוּנ לֶעגְרַא הָאט גֶענוּמֶען זִינְגֶען „דִי הֶעמְד" — אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע לִיעד וָואס הָאט צוּגֶעשְׁלֶעפְּט גַאנְץ פַּארִיז: דִי לֶעצְטֶע צוּדֶעקַאכְץ פוּן אַ אֶרֶעם מֵיידֶעל, פוּן אַ פֶערְקוּיפְטֶען קֶערְפֶּער, וֶוערְט אַרָאפְּגֶעצוֹיגֶען אוּנ צוּרִיסֶען אוֹיף שְׁטִיקְלֶעךְ. דִי נַאכְעַנַי־אוֹיסְגֶעלַאססֶענְקַייט אִיז אִין דֶעם לִיעד אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעללְט מִיט אִיהר גַאנְצֶער אַבְּשַׁיילִיכְקַייט אוּנ בִּיטֶערֶע אָרִימְקַייט. דִי חֲטָאִים פוּן דִי רַייכֶע קְלַאססֶע הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ דַייטְלִיכֶער גֶעוָוארְפֶען אִין דִי אוֹיגֶען הִינְטֶער דֶעם וַוייבֶּערְשֶׁען קֶערְפֶּער, וֶועלכֶען מֶען שְׁלֶעפְּט אִיבֶּער בְּלָאטֶע אוּנ וַוארְפְט אַרַיין נָאר אָהְן אַ צוּדֶעק, וִוי אַ נְבֵלָה, אִין אַ גְרוֹיסֶער גְרוּב, וואו ס'זַיינֶען בֶּעגְרָאבֶּען נָאךְ פִיעל אַזַאלְכֶע ווִי דִי אָרִימֶע פַארְבְּרֶעכֶערְן... עֶרְגֶער ווִי דִי וֶוארְטֶער אִיז גֶעוֶוען דֶער טָאן, מִיט וֶועלְכֶען לֶעגְרַא הָאט גֶעשְׁמִיצְט דִי זִידְלֶעכְרַייֶען אוּנ בֶּעלַיידִיגוּנְגֶען גְלַייךְ אִין פָּנִים דִי רַייכֶע גְלִיקְלִיכֶע לַייט, דִי שֶׁאנֶע דַאמֶען וָואס זַיינֶען גֶעלָאפֶּען אִיהם הֶערֶען. אַז עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט אִיז דָאס גַאנְצֶע פּוּבְּלִיקוּם גֶעוֶוען ווִי שִׁכּוֹר, דִי גְרוֹיסאַרְטִיגֶע אַרִיסְטָאקְרַאטְקֶעס הָאבֶּען אֲפִילוּ נִיט אוֹיסגֶעווִישְׁט דֶעם שְׁפַּיי פוּן פְּנִים אוּנ גֶעפַּאטְשְׁט מִיט דִי עֶדְלֶע הֶאנְטְלִיךְ מִיט גְרוֹיס פַייעֶר; דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט גֶעטוּפֶּעט מִיט דִי פִּיס, גֶעשְׁרִיעֶן בִּיז הֵייזֶרִיג, גֶעקְרַאכֶען בִּיז אִיבֶּער דִי אוֹיעֶרֶען אִין

יער אייגענער שאנדע .

— בראוואַ ! בראוואַ ! — האט געשריען מיט איהר קוויטשיג קולכעל די קליינע ירשטין . — וואונדערליך ! גראַסאַרטיג !

נאר מעהר פון אַללע האט געקלאַפּט מיט די האנד און געשריען סילוויאַנאַ , יאס איז נאך מעהר שכּור געוואָרען דא אין דעם צוברעכטען איווען .

— דאס איז ער ! מיין לעגראַ ! איך וויל איהם אַרומנעהמען און קושען פאַר יעם פערגעניגען !

דיוויליאַר , וואס איז געוועזן אויסער זיך פון פאַרדראס , האט זי געוואלט ויט כּח אַוועקשלעפּען . זי האט זיך אָבער אַנגעטשעפּעט מיט די האנד אָן דער ארענטשע פון דער לאָזשע און געשריען נאך מיט מעהר לוסטיגקייט און היטץ . זען האט געמוזט זי איינרעדען מיט גוטען . ענדליך איז סילוויאַנא מרוצה געוואָרען פאָהרען יהיים , אָבער זי האט געשוואוירען אַז פריהער מוז זי אַ קוש געבען לעגראַ'ן , איהר ולטען גוטען פריינד .

— געהט איהר אַללע דריי און וואַרט אויף מיר אין עקיפּאַזש , איך קום תּכף וגעהן .

דאס פּובליקום איז בּיסליכוויז רוהיגער געוואָרען . ראָזעמאָנדאַ האט עמערקט אַז די לאָזשע איז לעדיג , האט זי אויך אָנגעהויבען טראַכטען פאָהרען יהיים צוזאַממען מיט היאַצינט'ן . היאַצינט האט אויסגעהערט לעגראַס ליעד אנץ גלייכגילטיג , מיט דער מינע פון אַ מיעדען מענש , און יעצט האט ער געמאַכט ו שמועס מיט בערהאַזען וועגען נאַרוועגיען , וואו בערהאַז האט אַמאָל געדייזט . ו , דער עבּיגער שנעע ! אָ , די פאַרפרוירענע אָזערעס ! די ריינע , די צניעותדיגע קעלט פון עבּיגען ווינטער ! נאר דאָרט — האט היאַצינט געזאָגט — פאַרשטעהט נר די פרויענצימער , די ליעבע — אַ פרישען קוש ווי דער ריינער פראָסטיגער שנעע .

— אויב איהר ווילט וועלען מיר באַלד מאָרגען פאָהרען אַהין ! — האט די ירשטין אויסגעשריען מיט איהר געוואָהנליכער חוצפּה — דאס וועט זיין אונזער האכצייטס־רייזע . . . איך וועל אַוועקוואַרפען מיין פּאַלאַץ און דעם שליססעל אַרונטער־ לעגען אונטערן שוועל .

געוואָהנליך האט זי באַלד זיך פאַרכאַפּט , אַז זי מיינט עס ניט ערנסט . אָבער ערהאַז האט געוואוסט אַז זי איז פעהיג צו אַזא מעשה , און אין הארצען האט ער עטראַכט : ווי וואהל וואָלט דאס געוועזן ווען זי פאַרשליעסט טאַקי איהר קליינעם פּאַלאַץ און פאָהרט אַוועק . מען וואָלט דאַמאָלס געקאָנט צוריק אָפּנעהמען א ביססעל פון דעם עשירות וואס די רייכע האבען אַריינגעכאַפּט . . .

ראַפּאַנעל האט אויך אַפּלאָדירט לעגראַס ליעד און נאָכדעם גענומען אויס־ קוקען מיט זיינע קליינע שטעכעדיגע אויגעלעך אַללע ווינקלען פון זאַל . לסוף האט

ער בעמערקט מתית'ן מיט דעם צווייטען וואס ז.א. געבען אהם אין ארימער קליידונג מיט א אנגערוקטען היטעל איבערן פנים. די צוויי האבען קיין איינציג מאל ניט געלאכט, ניט געפאטשט מיט די האנד, געזעסען שטיל ווי אנגעמוטשעטע מענשען וואס זיינען געקומען אהער אויסרוהען אביסעל.

פלוצלינג האט ראפאנעל זיך געווענדעט צו בערהאזען.

— זאגט נאר, דארט זיצט דאך מתית? מיט וועמען זיצט ער דאס?

בערהאז האט א ציה געגעבען מיט די פלייצעס אז ער ווייס ניט, אבער קיין אויג ניט אראבגענומען פון ראפאנעל, וועלכער האט גענומען אויסטרינקען די גלאז ביער מיט א געמאכטע קאלטבלוטיגע מינע און זיך געזעגענט מיט דער קאמפאניע מיט דעם תירוץ אז דא ניט ווייט ווארט אויף איהם א דאמע. קוים איז ער נאר ארויסגעגאנגען איז בערהאז אויפגעשפרונגען פון ארט, אריבערגעשפרייזט איבער די בענקלעך, צושטופט דעם עולם, צוגעלאפען צו מתית'ן און איהם עפעס איינגערוימט אין אויער. יענער האט לאנג ניט געטראכט, באלד אויפגעשטאנען, מיטגענומען דעם חבר און ביידע זיינען ארוים מיט דער הינטערשטער טהיר. דאס איז געשעהן אזוי געשווינד אז קיינער האט גאר ניט בעמערקט ווי זיי זיינען פארשוואונדען געווארען.

— וואס איז דארט געשעהן? — האט די פירשטין געפרעגט בערהאזען ווען ער איז צוריק געקומען און זיך געזעצט גאנץ רוהיג אויף זיין פריהעריגען ארט.

— גאר ניט. איך בין געגאנגען געזעגנען מתית'ן פאר זיין אוועקגעהן.

ראזעמאנדא האט געזאגט אז זי ווילל אויך אוועקפאהרען. נאר עטליכע מינוט איז זי נאך פארבליעבען און גענומען ווידער רעדען וועגען נארוועגיען ווייל זי האט בעמערקט ווי היאצינט איז זעהר פאראינטערעסירט מיט דעם געדאנקען פון אייביגען אייז. זיין ליעד „דאס אומקומען פון דער פרויענצימער" האט ער געוואלט ענדיגען מיט א בילד פון א סאסנאווע וואלד פארשיטעט מיט שנעע. ראזעמאנדא איז אויפגעשטאנען פרעהליך און מיט א חימרען שמייכעל איהם פראפאנירט, ער זאל פאהרען מיט איהר אהיים און דארט ביים טהעע וועלען זיי מאכען דעם פלאן פון דער נסיעה אין נארוועגיען. בערהאז האט דערווייל מיט גרוים אויפמערקזאמקייט געקוקט צו דער טהיר און פלוצים, ווי ניט-ווילענדיג, אויסגעשריען:

— מאנדעזיר! איך האב עס פריהער געוואוסט!

אין טהיר האט זיך געוויזען א געזונטער, שטארקער מענש מיט א קיילעכדיגען געזיכט, א פוקלען שטערן און א שטומפיגע נאז. די גאנצע פיגור איז ווי פון א וואיענעם מענשען: מען ערקאנט אז דאס איז א אונטער-אפיציער אין ציווילע קליידער. אריינגעהענדיג אין זאל האט ער זיך ארומגעקוקט אין אללע זייטען גלייך ער זוכט איםיצען מיט די אויגען.

בערהאז האט חרטה געהאט אויף דעם געשריי און אנגעהויבען רעדען רוהיג, מיט א פרייע מינע:

— איך האב געזאגט אז באלד וועט קומען פאליציע... אט האט איהר גע..ייב־פאליציאנט. מאנדעיר — א פלינקער יונג, זעהר א פאהיגער. זעהט נאר ווי ר שמעקט, ער שנאפט ווי א יאגד־הונד. צו שפעט, מיין קרוין! דאס פויגעלע אט שוין געמאכט פליטה!

ארויסגעהענדיג אויפ'ן גאס האט ראזעמאנדא איינגערעדט האציענט'ן בעגלייטען אהיים אונ מיט א געלעכטער האבען זיי זיך אריינגעזעצט אין זייער קארעטע. אנעבען איז אויך געשטאנענען סילוויאנאס קארעטע פאר פיער פערשוין, מיט דעם ..טא זעטשנעם קוטשער אויף דער קעלניע. איהרע דריי קאוואליערען: דיוויליאר, ..וטיל אונ זשעראר זיינען געשטאנען אויפ'ן טראטואר אונ געווארט אויף איהר. שוין צוואנציג מינוט ווארטען זיי דא אויף דעם האלב־דונקעלען בולוואר, וואו עס שפאצירען ארום גאסען־מיידען פון דעם געמיינסטען סארט. שכורים שטויסען זיי, ..יי נקבות טשעפען אונ שושקען, פארלעך בעהאלטען זיך אויף די באנק אונטער ..יי בוימער אונ אין די דונקעלע שמוציגע ווינקלען. די לופט איז אומריין, עפושט. ארום אונ ארום זיינען ארימע הייזלעך, די ניעדריגסטע אויסגעלאסענקייט. אונ דאך שטעהט דער באראן מיט די צווייא חברים אונ ווילען ניט אוועקגעהן פון ארט. יעדער פון זיי האפט אז ער וועט בלייבען דער לעצטער, וועט אפפיהרען סילוויאנען אונ זי בעהערשען, ווייל זי איז צופיעל שכור צו וועהרען זיך.

ענדליך האט דיוויליאר פארלארען די געדולד אונ געזאגט צום קוטשער:

— שזול, געהט זעהט, פאר וואס קומט די מאדאם ניט אזוי לאנג?

— אונ די פערד, הערר באראן?

— זייט רוהיג. מיר שטעהען דאך דא.

עס האט אנגעהויבען שפרעען א קליינער, קאלטער רעגענדיל אונ די דריי זיינען ווייטער געשטאנען אונ געווארט גאר אהן א סוף. פלוצלינג האט א אומגערעכטע בעגעגניש זיי צושטערט א ווייל. ס'האט זיי געדאכט אז עס געהט א דארע פרויענ־צימער אין א שווארצע קלייד, אבער צוקוקענדיג זיך האבען זיי ערשטוינט דערקענט אז דאס איז זייער בעקאנטער גלח.

— ווי, דאס זייט איהר, הערר גייסטליכער פראמאן? — האט זשעראר אויסגערופען מיט א געשריי — ווי קומט איהר אהער אין אזא צייט אונ אזא ארט?

פיער האט זיך ניט ערלויבט צו פרעגען וואס זיי אליין טהוען דא יעצט, זיי קומען זיי אהער? ער האט רוהיג געענטפערט אז ער געהט יעצט פון א נאכט־פריוט וואו ער איז געגאנגען מיט דעם אלטען גייסטליכען ראז. אה, וואס פאר א שרעקליכע עלענד זעהט מען דארט אין די שטינקעדיגע אללגעמיינע שלאפצימער! איהם איז ניט גוט געווארען פון דער פארשטיקטער לופט צווישען די כטארע מענשען. אומגליקליכע, ליידענדע, אויסגעמוטשעטע, פארצווייפעלטע לויפען אהין אונ פאללען אניעדער אויף דער הולער פאדלאגע ווי די בהמות. זיי זאלען קאנען

זִיךְ אויסְשְׁלָאפֶען נָאךְ דֶעם קַאטָארְזְשְׁנֶעם לֶעבֶּען אַ גַאנְצֶען טָאג. דָארְט אִיז אַ עֶרֶב רַב, אַ גֶעמִישֶׁעכְץ פוּן אָרִימְקַייט אוּנ יְסוּרִים. אַלְלֶע לִיעגֶען אִין אַיין שׁוּרָה: וַוייבֶּער קִינְדֶער, מַאנְסְלַייט, אַלְטֶע אוּנ יוּנְגֶע, שְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁמַאטֶעס גֶעבֶּען אוּיסְגֶערִיבֶּענֶע סִידְרוּטֶען פוּן שֶׁאמֶעוְודִיגֶע אָרִימֶע לַייט. אַלְלֶע שְׁפֶּאנְדְלִיךְ פוּן פַּארִיזֶער צוּבְּרָאכֶענֶע לֶעבֶּענְס דוּרְךְ פוֹילְקַייט, זִינְד, שְׁלִימְמַזָל אוּנ אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקַייט — וֶוערֶען אַלְלֶע נַאכְט אַרוֹיסְגֶעשְׁפִּיגֶען אַהֶער פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען. קָאחֶעדִיגֶען יַם פַּארִיז. אַיינֶע שְׁלָאפֶען וִוי גֶעהַרְגֶעטֶע, דָאס פָּנִים וִוי פוּן אַ מֵת; דִי אַנְדֶערֶע לִיעגֶען אוֹיפְ'ן רוּקֶען מִיט אָפֶענֶע מַיילֶער, חְרָאפֶּען אוּנ קְרֶעכְצֶען אוֹיף זַייעֶרֶע צָרוֹת אֲפִילוּ אִין שְׁלָאף; דִי דְרִיטֶע וַוארְפֶען זִיךְ אוּמְרוּהִיג; דֶער הוּנְגֶער דִי קֶעלְט, דִי מִידְקַייט פַּיינִיגְט זַיי מִיט שְׁרֶעקְלִיכֶע חֲלוֹמוֹת. אוּנ דִי אַלְלֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע פְּסֹלֶת פוּן פַּארִיז, וָואס לִיעגֶען וִוי פְּגָרִים אוֹיפְ'ן פֶעלְד נָאךְ אַ בְּלוּטִיגֶער מִלְחָמָה, וָואס וַואלְגֶערְן זִיךְ אִינ פוֹילֶען דְרֵאק אִין עִפּוּשׁ, שַׁיינֶען וִוי זַיי וָואלְטֶען גֶעקְרֶעכְצְט צוּם הִימֶעל אוּנ גֶעפָאדֶערְט צוּ הָאבֶּען אוֹיךְ אַ חֵלֶק אִין לֶעבֶּען, וָואס דִי רַייכֶע גִיט עֶס וַוארִימֶע פְּרַאכְטִיגֶע סְפַּאלְנִיעס, טְהַייעֶרֶע בֶּעטֶען מִיט בֶּעטְגֶעוַואנְד, בְּשַׁעַת וֶוען זַיי שְׁלָאפֶען אוֹיף דֶער נַאקֶעטֶער עֶרְד, אִין אַזַא מוֹרָאדִיגֶען שְׁמוּצִיגֶען צוּשְׁטַאנְד.

פְּיֶער מִיט דֶעם גַייסְטְלִיכֶען רָאז הָאבֶּען גוּט אַרוּמְגֶעזוּכְט אִין אַלְלֶע שְׁרֶענְגֶעס פוּן דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע שְׁלֶעפֶּערְס זַייעֶר „אַלְטִיטְשְׁקֶען“, דֶעם גֶענַאנְטֶען סְטָאלְיַאר, כְּדֵי אִיהם אַרוֹיסְצֶונֶעהמֶען פוּן דֶער נָארֶע אוּנ בַּאלְד מָארְגֶען אַיינְגֶעבֶּען אִין פְּרִיוּט פוּן אַלְטֶע אַרְבַּייטֶער. דֶער אַלְטֶער אִיז טַאקִי אַהֶער גֶעקוּמֶען תְּחִלַּת אָוֶוענְד, ס'אִיז שׁוֹין אָבֶּער נִיט גֶעוֶוען קַיין פְרַייעֶר אָרְט. דֶער גֵיהִנוֹם הָאט פַאר פִּיעלֶע נָאךְ אוֹיסְגֶעזֶעהן וִוי אַ גַן־עֵדֶן. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַוֶועק עֶרְגֶעץ אוּנְטֶער אַ פַּארְקַאן אִיבֶּערְנֶאכְטִיגֶען. דֶער גוּטֶער רָאז אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט אַ אוּמֶעטִיג גֶעמִיטְה צוּרִיק אַהֵיים אוֹיף דֶער קָארְטָא גַאס אוּנ פְּיֶער הָאט גֶעזוּכְט אַ דְרָאזְשְׁקֶע פָאהְרֶען צוּרִיק אִין נַייִלִי.

דָאס דִינְגֶע רֶעגֶענְדִיל הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ שְׁפְּרֶעעֶן. דִי קֶעלְט הָאט דוּרְכְגֶענוּמֶען דָאס גַאנְצֶע לַייב. עֶנְדְלִיךְ אִיז גֶעקוּמֶען דֶער קוּטְשֶׁער זְשׁוּל אוּנ הָאט אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען דִי רֵייד פוּן גַייסְטְלִיכֶעס, וַוייל'כֶער הָאט גֶעשִׁילְדֶערְט דֶעם בַּארָאן מִיט זַיינֶע חֲבֵרִים דִי אַלְלֶע מוֹרָאדִיגֶע סְצֶענֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהן אִין נַאכְט־פְּרִיוּט.

— נוּ, זְשׁוּל, וואוּ אִיז דִי מַאדַאם? — הָאט דִי יוּוִילְיַאר גֶעפְרֶעגְט דֶעם קוּטְשֶׁער, זֶעהֶענְדִיג אַז עֶר קוּמְט אַלַיין אָהן סִילְוִויאַנַאן.

זְשׁוּל הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט גֶעלַאסֶען, מִיט דֶרֶךְ־אֶרֶץ, נִיט אַרוֹיסְוַוייזֶענְדִיג דֶעם מִינְדֶסְטֶען שְׁפָּאט, נָאר דִי לִיגֶע זַייט פוּן מוֹיל אִיז גֶעוֶוען עֶטְוָואס פַארְקְרִימְט אָן אַ זַייט:

— דִי מַאדַאם הָאט גֶעהַייסֶען זָאגֶען אַז זִי וֶועט נִיט צוּרִיקְפָאהְרֶען אַהֵיים. זִי

…ט איבער די קארעטע אין רשות פון די הערן, אויב זיי ווילען איך זאל זיי …פיהרען.

דאס איז שוין געווען צופיעל, און דער באראן איז געווארען שרעקליך בעז. …לעפ דיך אין דעם געמיינעם קאבאק, ווארט א קיילעכדיגע שעה און צוליעב …זם? כדי זי זאל א שכורע ווארפען זיך אויפ'ן האלז עפעס א שווארץ־יאהר, א לענגרא! …ן, גענוג פאר איהם, דאס וועט איהר טהייער קאסטען!

דער באראן האט אפגעשטעללט א דראשקע און ארייגעשטויסען אהין …ווערארן מיט די ווערטער:

— פיהרט מיך אפ אהיים.

— אבער זי האט דאך אונז איבערגעלאזט איהר עקיפאזש? — האט א געשריי …נטהון דוטיל, וועלכער האט זיך שוין בערוהיגט און זאגאר אין הארצען …נפרייט פון דער גאנצער לוסטיגער געשיכטע – לאמיר פאהרען. ס'וועט זיין א ארם …אר אללעמען… איהר פערלאנגט ניט? ווילט בעסער א דראשקע? נו, ווי …יהר ווילט אייך!

ער איז פרעהליך אריינגעשפרונגען אין קארעטע, זיך צושפרייט אויף די …שעליך און אוועקגעפלויגען מיט די פאר פייערינע פערד, ווערענד אין דער …לטער, טרייסלענדיגער דראשקע האט דער באראן אויסגענאכטען זיין גרימצארען …אר זשערארן, וועלכער איז געזעססען אין ווינקעל און איהם ניט איבערגעשלאגען …י רייד אפילו מיט א איינציגען ווארט. ער, דער באראן, האט דער פרוי אבגעשיטט …ים גוטס, זי קאסט איהם שוין ביז צוויי מיליאן, און אלס בעלאהנונג בעליידיגט …איהם אזוי שרעקליך, איהם דעם גרויסען הערשער, וואס רעגירט מיט מענשען …ונ מיט פארמעגענס!

— נו, זי איז אליין שולדיג, ער איז יעצט לאז פון איהר אויף עוויג…

דאבייי האט ער שווער אבגעאטהעמט, ווי א קאטארזניק ווען ער חאפט זיך …רוים אין דער פרייהייט.

פ…ער האט א ווייל נאכגעקוקט די קארעטען ווי זיי פאהרען אוועק, נאכדעם …יז ער ארונטער אונטער א בוים, זיך שיצען א ביסעל פאר'ן רעגען, ביז עס וועט …נפאהרען א צווייטע דראשקע. איהם איז ווידער געווארען פאסקודנע אויפ'ן …הארצען און א קעלט איז אריבער דורך אללע זיינע גליעדער נאך אזא שרעקליכע …ארייזער נאכט מיט איהר ווילדע הוליען און ביטטערע יסורים, די אויסגעלאסענע …קייט פון די הויכע קלאססען מיט דעם שמוציגען לעבען אין די נידריגע …קלאססען. ארום איהם האבען נאך אלץ ארומגעשפאצירט דונקעלע געשטאלטען פון …אססען־מיידען זוכענדיג א שטיקעל ברויט.

פלוצלינג איז א געשטאלט צוגעגאנגען צו איהם און איינגערוימט אין …אויער:

— זאגט אייער ברודער אז די פאליציע האט געפונגען א שליאד פון סאלוואן

און יֶעדֶע מִינוּט קֶאנן מֶען אִיהם חַאפֶּן ·

פְּיֶער אִיז פַארְצִיטטֶערְט גֶעוָוארֶען און זִיךְ אוּמְגֶעדְרֶעהט . דִי גֶעשְׁטַאלְט זֵיין אָבֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען און נָאר בַּיים בְּלַאסֶען שַׁיין פוּן לַאמְטֶערְן הָאט דֶערְקֶענְט פוּן וַוייטֶענְס דָאס בְּלַאסֶע , מָאגֶערֶע , אויסגֶעמוּטְשֶׁעטֶע פָּנִים פוּן וִויקְטָא מַתִּית . פְּיֶער'ן אִיז בַּאלְד אַרוּיף אִין דִי גֶעדַאנְקֶען דִי טְרוֹיעֶרִיגֶע פִיגוּר פוּן דֶי מַאדַאם מַתִּית , וֶועלְכֶער עֶר הָאט הַיינְט גֶעזֶעהן אִין עֶסְצִימֶער בַּיים נַייסְטֶלִיכֶע רָאז , דִי אָרִימֶע מוּטֶער וָואס לֶעבְּט נָאר מִיט דֶער אֵיינְצִיגֶער הָאפְנוּנְג אוֹיף דָע זוּהְנְס צוּקוּנְפְט . . .

---

III.

דֶער צְוַוייטֶער טָאג אִיז גֶעוֶוען אַ טַאבֶּעלל , אַ יוֹם־טוֹב . אַלֶע קַאנְצֶעלַארִיֶע זַיינֶען גֶעוֶוען פַארְמַאכְט . אַכְט אַ זֵייגֶער אִין דֶער פְרִיה אִיז דֶער מִינִיסְטֶער מָאנְפֶּערְרַאן גֶעזֶעסֶען אַלֵיין אִין זַיין גְרוֹיסֶען קַאבִּינֶעט . אַ קָאמִיסַאר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּיים טְהִיר , און אִין פָארֶערְצִימֶער זַיינֶען גֶעזֶעסֶען צְוַוִיי דֶעזְשוּרְנֶע שְׁרַייבֶּער .

הַיינְט אִין דֶער פְרִיה הָאט מָאנְפֶּערְרַאן גֶעהַאט נִיט קֵיין אַנְגֶענֶעהמֶע אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג . סַאנִיֶעס צַייטוּנְג „פָאלְקְס שְׁטִימֶע“ הָאט זִיךְ צוּרִיק גֶענוּמֶען צוּ דִי אַפְרִיקַאנִישֶׁע אַייזֶענְבַּאהנֶען מִיט דִי אִיבֶּערגֶעקוֹיפְטֶע דֶעפּוּטַאטֶען . נֶעכְטֶען הָאט זִי בֶּעשׁוּלְדִיגְט בַּארְרוּ'ן , דֶעם יֶעצְטִיגֶען פִינַאנְץ־מִינִיסְטֶער , אַז עֶר הָאט גֶענוּמֶען שׁוֹחַד צְוַוייהוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פְרַאנְק ; הַיינְט הָאט זִי אָבְּגֶעדְרוּקְט דֶעם בֶּערִיהמְטֶען צֶעטטֶעל פוּן דִי 32 דֶעפּוּטַאטֶען און סֶענַאטָארֶען וֶועלְכֶע גִינְטֶער דִיווִילְיַארְס לַייבּ־מֶענְשׁ , הָאט אִיבֶּערְגֶעקוֹיפְט . מָאנְפֶּערְרַאן הָאט דֶערְזֶעהן זַיין נָאמֶע אִין דֶער שְׁפִּיץ פוּן צֶעטטֶעל . סַאנִיֶע שְׁרַייבְּט , אַז עֶר הָאט גֶעחַאפְּט אַ פּוּתִיק פוּן 80 טוֹיזֶענְד פְרַאנְק , וֶועהרֶענְד פָאנְסֶעג הָאט מֶעהר נִיט גֶעקְרִיגֶען וִוי 50 טוֹיזֶענְד ; נָאכְדֶעם זַיינֶען דִי סוּמְמֶען קְלֶענֶער גֶעוָוארֶען : דוּטִיל הָאט אַרַיינְגֶעחַאפְּט 10 טוֹיזֶענְד און שַׁאנְיֶע נִיט מֶעהר וִוי דְרַיי טוֹיזֶענְד . עֶר אִיז גֶעוֶוען דֶער בִּילְלִיגְסְטֶער , דֶער אָרִימְסְטֶער , הָאט פַארְקוֹיפְט זַיין שְׁטִימֶע גָאר בְּחִנָם וֶוען אַנְדֶערֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעהַייסֶען גוּט בֶּעצָאהלֶען פַאר זֵייעֶרֶע שְׁטִימֶען , זֵיי זָאלֶען מַסְכִּים זַיין אוֹיף דִיווִילְיַארְס אַקְצִיֶעס .

פַאר זַיין אֵייגֶענֶער פֶּערְזָאן אִיז דֶער מִינִיסְטֶער מָאנְפֶּערְרַאן גֶעוֶוען גַאנְץ רוּהִיג : פוּן אִיהם אִיז נִיטָא קֵיין שׁוּם שְׁרִיפְט , קֵיין שׁוּם קַבָּלָה אוֹיף דֶעם גֶעלְד וָואס גִינְטֶער הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען . פוּן דֶעם עֶרגְסְטֶען עֵסֶק קָאן מֶען זִיךְ אַרוֹיסְדְרֶעהֶען אַז יֶענֶער הָאט נָאר נִיט וָואס צוּ וַוייזֶען . אָבֶער יֶעדֶענְפַאללְס וֶועט דָאס הַיינְטִיגֶע מִינִיסְטֶערִיוּם מוּזֶען אַרָאפְּפְלִיהֶען פוּן בֶּענְקֶעל . צוּם גְלִיק אִיז הַיינְט , דָאנֶערְשְׁטָאג , דֶער פַּארְלַאמֶענְט פַארְמַאכְט . אָבֶער מָארְגֶען וֶועט מֶעזְשׁ נֶעוִויס

איבּערראַניִיעס מאַכען אַ שאַלה און ווינְיאַן מיט זיינע חברים וועלען בּענוצען די גוטע געלעגענהייט און אַריינחאַפּען די מאַכט אין זייער האַנד.

מאַנפּערראַן האָט מיט אַבּשיי אָוועקגעוואָרפען די צייטונגען, איז אויפגעשטאַנען און געלאָפען אַרומגעהן מיט פאַרלייגטע הענד אויף הינטען איבּער דעם גרויסען קאַבּינעט. וואָס טהוט מען? וואָס הייבּט מען אָן? ווי ראַטעוועט מען זיך אַרויס ווען די איבּריגע מיניסטאָרען וועלען געהן צו גרונד?

איהם איז פּלוצלינג איינגעפאַללען אַז דאָס גלייכסטע וואָלט געווען פריהער זיך דורכרעדען מיט'ן בּאַראָן דיוויליאַר. וועלכען ער קען שוין פון לאַנג. איהם האָט בּאַנג געטהון, פאַר וואָס האָט ער זיך בּיז אַהער ניט געזעהן מיט איהם און איהם ניט געצוואונגען פאַרשטאָפּען סאַניעס מויל מיט געלד.

אַנפאַנגס האָט דער מיניסטער געוואָלט שרייבּען צום בּאַראָן אַ קוויטעלע און שיקען מיט'ן קוריער. בּאַלד אָבּער איז איהם איינגעפאַללען אַז ס'איז גלייכער ניט שרייבּען, נאָר בּענוצען דעם טעלעפאָן וואָס איז געמאַכט עקסטרא פאַר זיין געבּרויך אויף אַ טישעל נעבּען שרייבּ-טיש.

— מיט וועמען רעד איך, ווירקליך מיט'ן העררן בּאַראָן זעלבּסט? – אויסגעצייכענט! – יאָ, דאָס בּין איך, דער מיניסטער. מאַנפּערראַן און בּעט אייך זיך מטריח זיין קומען צו מיר בּאַלד... וואָהל! איך וואַרט אויף אייך!

נאָכדעם האָט ער ווייטער גענומען אַרומשפּאַצירען איבּערן צימער. בּאַראָן דיוויליאַר איז אויך אַ חוואַטסקער יונג און ווערט איהם געוויס געבּען אַ גוטע עצה... דער מיניסטער האָט זיך ווייטער פערטיעפט אין געדאַנקען, געזוכט פּלענער, דערווייל איז אַריינגעקומען דער קאַמיסאַר און געמאַלדען, אַז ה א ק ק א ן, דער נאַטשאַלניק פון דער געהיימער פּאָליציי איז געקומען און בּעט שטאַרק, דער מיניסטער זאָל איהם הבּף אויפנעהמען.

— בּעט איהם אַריין.

ס'איז אַריינגעקומען אַ הויכער מענש, אַ מאָגערער, אַ שוואַרצער, וואָס חאַפּט דעם אָנבּליק ווי אַ אויסגעפוצטער אַרבּייטער. בּאַלד בּיים אַריינגעהן האָט ער גענומען פאַרענטפערן דעם פרעפעקט פון דער פּאָליציע, וואָס ער איז ניט געקומען זעלבּסט; ער איז עטוואָס אונוואָהל. נאָכדעם האָט האַקקאַן ערקלערט דעם מיניסטער צו וועלכען צוועק ער איז יעצט געקומען:

— איך גלויבּ הערר מיניסטער, אַז יעצט האָבּען מיר שוין געפּאַקט דעם פאַרבּרעכער וואָס האָט אונטערגעלעגט די בּאָמבּע אויף דער גאַדאַ-דע-מאַרואַגאַס...

— אַהאַ! איך בּין זעהר צופריעדען פון אייך, ה' האַקקאַן. איז דער מענש שוין אַרעסטירט?

— נאָך ניט, אָבּער ער קאָן שוין ניט ענטלויפען פון אונזערע הענד, הערר מיניסטער. ס'איז אין גאַנצען געוועזען אין אַ פּאָר שעה.

און דער נאַטשאַלניק פון דער געהיים־פּאָליציי האָט ערצעהלט די גאַנצע געשיכטע, ווי דער „חאפּער" מאַנדעזיר האָט זיך דערוואוסט דורך אַ געהיים־פּאָליציאַנט אַז דער אַנאַרכיסט סאָלוואַ געפינט זיך אין אַ קאַבאַק אויף מאָנמאַרטר. איז ער באַלד אַהין געלאָפען. ער אַ ביסעל צו שפּעט — דער פויגעל איז ענטלאָפען. נאָכדעם האָט ער דורך אַ צופאַלל ווייטער דערזעהן סאָלוואַן ניט ווייט פון קאַבאַק און פון דענסטמאָל געהט מען איהם נאָך טריט ביי טריט, ווייל מען וויל איהם חאַפּען אין נעסט, צוזאַממען מיט זיינע חברים. אַזוי איז מען איהם נאָכגענאַנגען ביז צו די טהויערען „מאַליאָ". דאָרט, ווייזט אויס, האָט ער דערשפּירט אַז מען יאָגט איהם, איז ער ענטלאָפען אין בולאָנער וואַלד און איז דאָרט איבערגעזעסען ביז צוויי אַזייגער ביי נאַכט אין רעגען וואָס האָט פון פאַרנאַכט געגאָסען. די „חאַפּערס" האָבען געוואַרט ביז טאָג און געמאַכט אַ אָבלאַווע, געזוכט יאָגען פון אַללע זייטען, ווי אַ חיה אין וואַלד. ער וועט מיד ווערען און מוזען זיך אונטערגעבען. אַ לייַדע מינוט בעדאַרף מען איהם חאַפּען.

— איך ווייס, העררר מיניסטער, ווי איהר אינטערעססירט זיך מיט דעם אַרעסט און האָב געוואָלט קומען הערען אייער בעפעהל. דער חאַפּער מאַנדעזיר פיהרט די אָבלאַווע. איהם טהוט זעהר באַנג וואָס איהם איז ניט געלונגען חאַפּען דעם פאַרשוין אויפ'ן בולוואַר ראָשעשואַר. איבריגענס ער האָט זעהר חיטרע איהם נאָכגעשפּירט שפּעטער. נאָר איין זאַך קאָנן מען איהם פאַרוואַרפען: פאַר וואָס האָט ער פריהער ניט בעוואָרענט אַז סאָלוואַ זאָל ניט קאָנען ענטלויפען אין בולאָנער וואַלד.

דעם מיניסטער איז פּלוצלינג איינגעפאַללען אַ גליקליכער געדאַנקען, אַז פון דעם אונפערהאָפטען אַרעסט פון סאָלוואַ'ן בעדאַרף מען זיך בענוצען פאַר דער אייגענער טובה, אַרויסקריכען פון דער בלאָטע וועגען די אַפריקאַנישע אייזענבאַהנען... גאָט אַליין האָט איהם געשיקט יעצט אַ ישועה דורך דעם אַרעסט פון דעם אַנאַרכיסטען וועלכען די פּאָליציי זוכט שוין אַזוי לאַנג אומזאָנסט.

— אָבער, העררר האַקקאָן, זייט איהר זיכער אַז סאַלוואַ איז דער פערברעכער?

— אָ, איך בין פאָלקאָממען זיכער, העררר מיניסטער. ער וועט זיך אַליין מודה זיין זיצענדיג ביי אונז אין קאַרעטע נאָך עהדער מען וועט איהם ברענגען אין פּאָליציי.

מאָנפּעררא ן האָט ווייטער גענומען געהן איבער'ן קאַבינעט און געאַרבייט שטאַרק מיט'ן מח, נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבען רעדען לאַנגזאַם:

— איהר פערלאַנגט פון מיר אַ בעפעהל? אַלזאָ — מיין ערשטער בעפעהל איז: זייט זעהר פאָרזיכטיג. קלייבט ניט אויף קיין גאַנצע מחנות מענשען אין בולאָנער וואַלד... סטאַרעט זיך אַז קיינער זאָל נאָר ניט באַמערקען דעם אַרעסט... און אויב ער וועט זיך מודה זיין ערצעהלט דאָס ... געם, לאָזען די

ייזונגען ניט וויסען .. א, דאס וויל איך דורכאוים, — מישט ניט אריין די אזעטען אהער. מיט איין ווארט: קומט אנזאגען נאר מיר אליין, מיר פערזאנליך — אר אללע איבריגע ... עס בלייבען א סוד.

האקסאן האט זיך שוין געניינגט אונ געוואלט אוועקגעהן אבער דער מיניסטער אט איהם נאך פארהאלטען א ווייל’ע אונ געזאגט, אז זיין פריינד העררלעמאן, ער פראקוראר פון דער רעפובליק, בעקומט יעדען טאג בריעף פון אנארכיסטען עלכע סטראשען אז זיי וועלען איהם מיט זיין גאנצער פאמיליע צושיססען אונ ורייסען אויף שטיקלעך. ער בעט אלזא אז עטליכע איבערגעקליידעטע פאליציסטען אלען היטען זיין הויז. אמאדיאס הויז היטט שוין די פאליציי אויף אזא אופן.

— העררמיניסטער — האט האקסאן פון זיין זייט בעמערקט — וואס טהוט זען מיט בארטעס’ן? מיר ווארטען אייער בעפעהל, זאלען מיר איהם ארעסטירען זין קליינעם הייזעל אין ניילי?

דורך א צופאלל איז האקסאן געוואהר געווארען, אז ניקאלאי בארטעס, דער איבינגער ארעסטאנט" בעהאלט זיך ביים גייסטליכען פראמאן אין ניילי. די פאליציי זאט איהם אהן א בעפירוש’ן בעפעהל פון מיניסטער ניט געוואלט ארעסטירען אין זויז פון דעם גלח, דעם היילינען מענשען, וועלכען די גאנצע געגענד שאצט ועהר.

דער מיניסטער האט שטארק געלויבט האקסאנען וואס ער בעגעהט זיך מיט דרך־ארץ מיט די גייסטליכע אונ ער האט גענומען אויף זיך אליין ברענגען די ואך אין ארדנונג.

— ניין, העררהאקסאן, בעמיהט אייך ניט. איהר קענגט מיין מיינונג. אז בעססער דארף מען לעבען גוט מיט די גייסטליכע עהדער זיי זאללען זיין אונזערע שונאים... איך האב געהייסען מודיע זיין דעם גלח פראמאן, ער זאל צו מיר קומען היינט, פונקט ווען איך נעהם קיינעם ניט צו. איך אליין וועל רעדען מיט איהם; דאס קעהר זיך שוין ניט אן מיט אייך.

ער האט האקסאנען אפגעלאזט, נאר אין דער מינוט איז ווייטער אריין דער קאמיסאר אונ געמאלדען אז דער פרעזידענט פון די מיניסטארען איז געקומען צופאהרען.

— באררו! אך, צום טייוועל!... העררהאקסאן, זייט אזוי גוט אונ געהט ארויס דא מיט דער צווייטער טהיר... איך וויל, קיינער זאל אייך דא ביי מיר ניט זעהען, קוים בעט איך אייך שווייגען וועגען סאלוואס ארעסט. אלזא אבגעמאכט, ניט וואהר? נאר איך אליין בעדארף אלץ וויסען. טעלעפאנירט מיר גלייך אהער אויב עס וועט זיין וויכטיגע נייעס.

קוים איז ארויס דער הויפט פון די געהיים-פאליציי דורך דער זייטיגער טהיר האט דער קאמיסאר געעפענט די ערשטע טהיר אונ געמאלדען:

— העררמיניסטער-פרעזידענט!

מאַנפּערראַן איז איהם געלאָפען ענטקעגען מיט אויסגעשפּרייטע האַנד און מיט אַ פרעהליך פּנים, אויף וועלכען ס'איז געווען קאָנטיג זיין דרך־ארץ און הערצליכקייט.

— אַך טהייערער פרעזידענט! וואָרום האָט איהר זיך בעדאַרפט מטריח זיין? איך וואָלט געקאָנט קומען צו אייך אויב איהר פערלאַנגט נאָטהיג רעדען מיט מיר.

— צו וואָס? — האָט באַררו געזאָגט און אַ מאַך געגעבען מיט דער האַנד אַז די אַללע צערעמאָניעס זיינען גאַנץ איבעריג — איך האָב געמאַכט מיין געוואָהנ־ליכען פריהמאָרגענדיגען שפּאַציער אין די עליסייסקע פעלדער, נאָר מיך האָט געדריקט אַ שווערע זאָרג און ביי מיר איז געבליעבען תיכף געהן אַהער... געוויסס זייט איהר אויך מודה, אַז מיר קאָננען ניט רוהיג דערטראָגען וואָס אַרום אונז טהוט זיך. עהרער מיר אַללע מיניסטאָרען וועלען מאָרגען מאַכען אונזער אספה און בעשטימען אַ פּלאַן ווי זיך צו שיצען, האָב איך געוואָלט דורכרעדען מיט אייך אַליין.

ער האָט זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל און מאַנפּעררַאן האָט צוגערוקט נאָך אַ צווייטע שטוהל ענטקעגען איהם.

באַררו איז געווען שטאַרק אויפגערעגט און אַלאַנגע צייט ניט געקאָננט אָפּסאַפּען. דאָס בלוט האָט איהם געזעצט אין קאָפּ, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט האַממערען, פון גרויס כעס און צאָרען דערמאָנענדיג זיך וואָס פאַר אַ צעבער מיט בלאָטטע האָט די „פאָלקס שטימטמע" אַרויפגעגאָססען אויף זיין קאָפּ ערשט היינט אין דער פריה.

— הערט, טהייערער חבר, ס'איז צייט צו אָפּשניידען, מאַכען אַ סוף מיט דער סקאַנדאַלעזער מלחמה. געוויס שטעללט איהר אייך פאָר, וואָס אויף אונז וואַרט מאָרגען אין פּאַרלאַמענט, יעצט, אַז דער בעריהמטער צעטטעל איז אָפּגעדרוקט, וועללען אַללע אונז בעפאַללען. וויניאָן אַרבעט שוין...

— אַה, איהר האָט ידיעות וועגען וויניאָגען? — האָט מאַנפּעררַאן געפראָגט און אָנגעשטעללט די אויערען.

— ס'פאַרשטעהט זיך. פאַרביינגעהענדיג האָב איך געזעהן אַ גאַנצע שרענגע קאַרעטען פאַר זיין וואָהנונג. פון נעכטען קאָכט ביי איהם ווי אין אַ קעסעל. זיינע חברה־לייט שאַרפען שוין די צאָהן און האָבען שוין איינגעטהיילט צווישען זיך די מיניסטערסקע שטעללען. מעזש וועט געוויסס ניט שווייגען. מיט איין וואָרט: מיר זיינען פערלאָרען. מען וויל אונז פאַרגראָבען אין בלאָטע, עהדער זיי וועלען צונעהמען אונזערע מאַנטלען...

אין די אויגען האָבען זיך איהם געוויזען טרערען.

— מיין גאַנצען לעבען האָב איך אַוועקגעגעבען דער רעפּובליק, זי געשטאַרקט, געראַטעוועט. און יעצט בעשיטט מען מיך מיט זידלערייען, בעליידיגונגען און איך מוז מיך פאַרענטפערן אויף אַזאַלכע פּאַסקודנע, אַבשייליכע בעשולדיגונגען. איך, אַ מיניסטער, האָב געזאָלט פאַרקויפען מיין עהרע פאַר צוויי הונדערט טויזענד

פְֿרַאנְק אַ גִינְטֶער׳ן אוּנ אַרַיינְגֶעלֶעגְט דָאס גֶעלְט אִין מַיין טַאשׁ ! אֱמֶת טַאקִי, צְווִישֶׁען מִיר מִיט אִיהם אִיז וִוירְקְלִיךְ גֶעוֶועז אַ רֶעדֶע וֶועגֶען צְוַייהוּנְדֶערְט טויזֶענְד־פְֿרַאנְק. מֶען דַארְף אָבֶּער ווִיסֶען בַּיי וֶועלְכֶע אוּמְשְׁטֶאנְדֶען דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶן, וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ אִיז מִיט מִיר גֶעשֶׁעהֶן דִי אֵיינֶענֶע גֶעשִׁיכְטֶע וָואס מִיט אַייךְ וֶועגֶען דִי־אַכְצִיג טויזֶענְד פְֿרַאנְק וָואס מֶען הָאט כְּלוֹמֶרְשְׁט אַייךְ גֶעגֶעבֶּען.

מָאנְפֶּערְרַאן הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען דִי רֵייד אוּנ שַׁארְף גֶעזָאגְט :

— עֶר הָאט מִיר קֵיין אֵיינְצִיגֶען פֶּענִיג נִיט גֶעגֶעבֶּען.

בַּארְרוּ הָאט מִיט וואוּנְדֶער אָנְגֶעקוּקְט דֶעם חָבֵר ; אוֹיף יֶענֶעמְס גְרָאבֶּע פִיזְיָאנָאמְיֶע אִיז אָבֶּער גָאר נִיט קֶאנְטִיג גֶעוֶועזֶען.

— אָ ! אִיךְ הָאבּ גֶעגְלוֹיבְּט אַז אִיהר הָאט גֶעהַאט גֶעשֶׁעפְטֶען מִיט אִיהם אוּנ קֶענְט אִיהם זֶעהר גוּט.

— נֵיין, אִיךְ הָאבּ גֶעקֶענְנְט גִינְטֶער׳ן וִוי אַללֶע אַנְדֶערֶע אוּנ מִיר אִיז גָאר נִיט אַיינְגֶעפַאללֶען אַז עֶר אִיז דִירוֹוִילְיַארְס מֶעקְלֶער אִין דִי אַפְרִיקַאנִישֶׁע אַייזֶענְבַּאהְנֶען. צְווִישֶׁען אוּנְז אִיז קֵיינְמָאל נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין רֶעדֶע וֶועגֶען דֶעם וָואס אִיהר זָאגְט.

מָאנְפֶּערְרַאנְס רֵייד זַיינֶען גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וַוייט פוּן אֱמֶת, אַז בַּארְרוּ אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען אָהן לָשׁוֹן הָארֶענְדִיג אַזָא גְרָאבֶּען לִיגֶען. בַּאלְד אָבֶּער אִיז עֶר צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען אוּנ וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען וֶועגֶען זִיךְ אַלֵיין :

— אָה, צוּ מִיר אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אַ מָאל צֶעהְן, אוֹיבּ נִיט מֶעהר, אוּנ מִיךְ דוּלְל גֶעמַאכְט מִיט דִי דָאזִיגֶע אַפְרִיקַאנִישֶׁע בַּאהְנֶען. דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען עֶהֶער דָאס פַּארְלַאמֶענְט הָאט מַסְכִּים גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִי אַקְצִיֶעס. אִיךְ גֶעדֶענְק נָאךְ וִוי הַיינְט, מִיר הָאבֶּען אוּנְז גֶעזֶעהֶן אִין דֶעם זֶעלְבֶּען קַאבִּינֶעט - דַאמָאלְס בִּין אִיךְ דָאךְ גֶעוֶועזֶען אִינֶערְלִיכֶער מִינִיסְטֶער אוּנ אִיהר זַייט נוּר־וָואס אָנְגֶעקוּמֶען אִין מִינִיסְטֶערְיוּם פוּן קָהָלִישֶׁע גֶעבַּיידֶען. אִיךְ בִּין גֶעזֶעססֶען דָא, פַאר דֶעם אֵייגֶענֶעם שְׁרַייבּ־טִישׁ, אוּנ גִינְטֶער — אָט דָארְט, אוֹיף יֶענֶער שְׁטוּהל. יֶענֶעם טָאג הָאט עֶר גֶעוָואלְט הַאלְטֶען מִיט מִיר אַ עֵצָה וָואס צוּ טְהוּן מִיט אַ גְרוֹיסֶע סוּממֶע גֶעלְט, וֶועלְכֶע דִירוֹוִילְיַארְס בַּאנְק ווִילל אוֹיסְגֶעבֶּען אוֹיף פּוּבְּלִיקַאצְיֶעס, דֶערְוֶועהֶענְדִיג דִי גְרוֹיסֶע סוּממֶען וָואס זַיינֶען בֶּעשְׁטִימְמְט גֶעוָוארֶען פַאר דִי מָאנַארְכִיסְטִישֶׁע צַייטוּנְגֶען*), גֶעדֶענְק אִיךְ אַז אִיךְ בִּין צוּקָאכְט גֶעוָוארֶען : פַאר וָואס זָאלל דָאס גֶעלְט אַרַיינְפַאללֶען אִין דִי הֶאנְד פוּן דֶער רֶעפּוּבְּלִיקְס שׂוֹנְאִים ? אִיךְ הָאבּ אִיהם אַלְזָא גֶעמַאכְט אַ צֶעטטֶעל פוּן אַנְדֶערֶע צַייטוּנְגֶען, רֶעפּוּבְּלִיקַאנִישֶׁע, אוּנְזֶערֶע גוּטֶע פְרַיינְד, אוּנ זֵיי הָאבֶּען דוּרְךְ מַיין פֶערְמִיטְטְלוּנְג טַאקִי בֶּעקוּממֶען דִי צְוַויי הוּנְדֶערְט טויזֶענְד פְרַאנְק. אָט אִיז דִי גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע !

*) צייטונגען וואס פארלאנגען, אין פראנקרייך זאל ניט זיין קיין רעפובליק, נאר א מאנארך, א קיסר.

ער איז אויפגעשפרונגען פון ארט און געשלאגען מיט די פויסטען אין הארצען. זיין קול האט נאך שטארקער געהילכט.

— גענוג! גענוג פאר מיר די רכילות׳ן און ליגענס! באלד מארגען וועל איך איינפאך אלסדינג ערצאהלען אין פארלאמענט, זאגען ווי די מעשה איז געשעהן. דאס איז מיין איינציגע פארענטפערונג. א ארענטליכער מענש האט קיין מורא ניט פאר׳ן אמת.

מאנפעראן איז אויך אויפגעשפרונגען און א אויפגערעגטער אויסגעשריען:

— דאס איז נארריש! טאר מען דען זיך מודה זיין? איהר וועט דאס ניט טהון!

באררו איז אבער געווען איינגעשפארט, גרוים און שטאלץ ביי זיך.

— איך וועל טהון. מיר וועלען זעהן אויב דאס פארלאמענט וועט ניט זיין איין קול בעפרייען דעם אלטען דיענער פון פרייהייט, פון דער אונפערדינטער בעשולדיגונג.

— ניין, מען וועט אייך אראפווארפען, אויספייפען און איהר וועט אונז אללע מיטשלעפען.

— מילא, וועלען מיר ווענינגסטענס פאללען בכבוד.

מאנפעראן האט א מאך געטהון מיט דער האנד מיט ווילדען כעס. באלד אבער האט ער זיך בערוהיגט. א ליכטיגער שטראהל האט פלוצלינג א בליץ געגעבען אין זיין מוח, עס איז פארטיג געווארען דער פלאן וועלכען ער האט פריהער געטראכט וועגען סאלוואס ארעסט. יא, אזוי וועט זיין פארטרעפפליך... וואס ארט איהם אז דער פראסטאק בארר ו וועט מארגען ברעכען דעם קארק? די הויפט־זאך איז נאר, ער אליין זאל ניט אראבפליהען צוזאממען מיט די איבריגע מיניסטארען... ווענינגסטענס זאל ער האבען ביי וואס זיך אנחאפען. ער האט אלזא געשוויגען, נאר עפעס געברומט צווישען די צאהן. ענדליך האט ער זיך אבגערופען שוין גאנץ געלאססען און גוטהארציג:

— אפשר קען זיין אז איהר האט רעכט. מען בעדארף ניט אראבפאללען. אויסער דעם זייט איהר דאך, טהייערער פרעזידענט, אונזער קאפ, מיר וועלען אייך נאכגעהן.

ביידע האבען זיך געזעצט אויף זייערע פריהעריגע ערטער איינער קעגען דעם אנדערן און ווייטער געשמועסט און אפגערעדט גענוי וואס זיי האבען מארגען צו טהון.

יענע נאכט האט בארראן די וויליאר כמעט קיין אויג ניט צוגעמאכט. קומענדיג מיט זשעראר׳ן אהיים איז ער תכף אריין אין בעט מיט כעס און געוואלט מיט געוואלד איינשלאפען און אלסדינג פארגעססען. דער שלאף איז אבער ווי אויף צו להכעיס ניט געקומען; שעה׳ן לאנג האט דער באנקיר זיך געמוטשעט וואכענדיג און געברענט פון פאדראס אויף דער בעליידיגונג וואס מילוויאנא האט איהם

בֶּעלֵיידִיגְט. ס'אִיז דָאךְ טַאקִי נִיט צוּ בֶּעגְרֵייפֶען — עֶר הָאט זִי אָפְּגֶעגִילְט, גְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט, אוּנ זִי שְׁמִיצְט אִיהם אִין פְּנִים אַזַא בְּלָאטֶע, אִיהם דֶעם הֶערְשֶׁער, דֶעם תַּקִיף, וָואס הָאט גַאנְץ פַּארִיז אוּנ גַאנְץ פְרַאנְקְרֵייךְ אַרַיינְגֶעלֶעגְט זִיךְ אִין טַאשׁ אוּנ הַאנְדֶעלְט מִיט דֶעם סְאֶוֶועסְט פוּן מֶענְשֶׁען וִוי אַ סוֹחֵר הַאנְדֶעלְט מִיט וָואלל אָדֶער פֶעלל אוֹיפְ'ן מַארְק! — אוּמְזָאנְסְט הָאט דֶער בַּארָאן זִיךְ בֶּעמִיהט אַוֶועקְטְרַייבֶּען דִי גֶעדַאנְקֶען וֶועגֶען סִילְוְוִיַאנַא'ן, טְרַאכְטֶען וֶועגֶען אַנְדֶערֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, וֶועגֶען זַיינֶע מִילְיָאנֶען וָואס זַיינֶען צוּוָוארְפֶען אִין אַלֶע עֶקְקֶען וֶועלְט; סִילְוְוִיַאנַאס גֶעשְׁטַאלְט הָאט נִיט גֶעוָואלְט אָפְּטְרֶעטֶען פוּן אִיהם, אוּנ כְּסֵדֶר גֶעשְׁוֶועבְט פַאר זַיינֶע אוֹיגֶען אוּנ אִיהם בֶּעלֵיידִיגְט פוּן קָאפּ בִּיז פִּיס. אַ פֶערְצְוֵוייפֶעלְטֶער הָאט עֶר גֶענוּמֶען טְרַאכְטֶען וֶועגֶען זַיין רִיזֶעדִיגֶען-פְּרָאיֶעקְט: מַאכֶען אַ אַייזֶענְבַּאהן אִין דֶעם מִדְבָּר „סַאהַארַא", אַ פְּרָאיֶעקְט וָואס וָואלְט אַיינְשְׁלִינְגֶען מִילְיַארְדֶען אוּנ אִיבֶּערְקֶעהְרֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט; דָאס הָאט אָבֶּער אוֹיךְ נִיט גֶעהָאלְפֶען; סִילְוְוִיַאנַא אִיז אַלְץ גֶעשְׁטַאנֶען אִיבֶּער אִיהם אוּנ מִיט אִיהר הֶענְדְטִיל וָואס אִיז אַיינְגֶעשְׁמִירְט אִין גַאסֶען-בְּלָאטֶע, אִיהם גֶעפְּלֶעמְט אִין דִי בַּאקֶען. עֶרְשְׁט פַאר טָאג אִיז עֶר אַיינְגֶעדְרִימֶעלְט, נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט זִיךְ הֵיילִיג גֶעשְׁוָוארֶען מֶעהר נִיט גֶעהן צוּ אִיהר, נִיט אָנְקוּקֶען זִי, אוּנ אֲפִילוּ וֶוען דִי גֶעמֵיינֶע שְׁטִיק וֶועט קוּמֶען פַאלֶען פַאר אִיהם אוֹיף דִי קְנִיעַ, וֶועט עֶר זִי אַוֶועקְשְׁטוֹיסֶען פוּן זִיךְ.

זִיבֶּען אַ זֵייגֶער אִין דֶער פְרִיה, קוֹים הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט אַ צוּבְרָאכֶענֶער, אַ מִיעֶדֶער, אִיז וַוייטֶער זַיין עֶרְשְׁטֶער גֶעדַאנְקֶען גֶעוֶוען וֶועגֶען אִיהר. עֶר הָאט שׁוֹין כִּמְעַט פַארְגֶעסֶען דֶעם נֶאכְטִיגֶען נֵדֶר, דִי הֵיילִיגֶע שְׁבוּעָה, אוּנ אִיהם הָאט גֶעגְלוּסְט לוֹיפֶען צוּ אִיהר, זֶעהן צוּ אִיז זִי גֶעקוּמֶען אַהֵיים, שָׁלוֹם וֶוערֶען מִיט אִיהר אוּנ אֶפְשַׁר טַאקִי בֶּענוּצְטֶען דִי גֶעלֶעגֶענְהַייט אוּנ וַוייטֶער זִי עֶרְאָבֶּערְן. נָאר אוֹיפְשְׁטֶעהֶענְדִיג פוּן בֶּעט אִיז עֶר אַרַיין אִין אַ קַאלְטֶער וַואנֶע אוּנ אִיז צוּרִיק גֶעוָוארֶען פְרִישׁ אוּנ מוּנְטֶער. סִילְוְוִיַאנַא אִיז אַ לֵיידַאטְשְׁקֶע, עֶר אִיז שׁוֹין פָּטוּר גֶעוָוארֶען פוּן אִיהר אוֹיף שְׁטֶאנְדִיג!

וִוירְקְלִיךְ, בַּאלְד הָאט עֶר טַאקִי פַארְגֶעסֶען סִילְוְוִיַאנֶען אוּנ גֶענוּמֶען לֶעזֶען דִי פְרִיהמָארְגֶען צַייטוּנְגֶען. דֶער צֶעטֶעל פוּן דִי 32 אִיבֶּערְגֶעקוֹיפְטֶע דֶעפּוּטַאטֶען, וָואס אִיז גֶעוֶוען גֶעדְרוּקְט אִין „פָאלְקְס שְׁטִימֶע", הָאט אִיהם דֶערְלַאנְגְט וִוי אַ שַׁייט הָאלְץ אִין קָאפּ. בִּיז הַיינְט אִיז עֶר נָאךְ אַלְץ גֶעוֶוען מְסוּפָּק אוֹיב סַאנְיֶע הָאט אַזַא צֶעטֶעל. יֶעצְט שְׁטֶעהֶען אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט אַלֶע בַּיי דִי נָאמֶען אוּנ מִיט דִי סוּמֶען, גֶענוֹי וִויפִיעל גֶעלְט יֶעדֶער דֶעפּוּטַאט הָאט גֶענוּמֶען. אַזַא סְקַאנְדַאל!

זֵייגֶער נַיין הָאט דֶער טֶעלֶעפָאן בַּיי זַיין שְׁרַייב-טִישׁ אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלִינְגֶען אוּנ עֶר הָאט וַוייטֶער פַארְלָארֶען זַיין פֶערְשְׁטַאנְד — אִיהם הָאט גֶעדַאכְט אַז דָאס קְלִינְגְט סִילְוְוִיַאנַא. זֶעהר אָפְט מַאכְט זִי זִיךְ אַזַא שְׁפִּיעלְכֶעל אוּנ רַייסְט אִיהם אָפּ פוּן דִי וִויכְטִיגְסְטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען. וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ אִיז זִי צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אַהֵיים, זִיךְ בֶּערֶעכֶענְט וִוי וַוייט זִי אִיז פַארְקְרָאכֶען אוּנ יֶעצְט וִויל זִי אִיהם אִיבֶּערְבֶּעטֶען.

אבער דערוויססענדיג זיך אז דאס רופט איהם דער מיניסטער מאנפעראן אין א לייכטער שוידער אריבער איבער זיין גאנצען קארפער. ווי א מענש וואס דערפיהלט אז ער איז געראטעוועט פון א גרויסער סכנה אריינפאללען אין טיעפען אבגרונד... דיווילייאר האט געהייסען זיך דערלאנגען דעם הוט מיט'ן שטאק — ער וועט יעצט געהן צו פוס און אויפ'ן פרישען לופט בראכטען פריי זיינע געדאנקען. דער מות איז איהם יעצט געווען בעשאפטיגט נאר מיט'ן סקאנדאל פון די אפריקאנער באהנען, וועלכער האט אויפגערודערט דעם פארלאמענט און גאנץ פאריז.

אריינגעהענדיג אין מיניסטעריום האט דיווילייאר באלד דערקאנט דעם שטורם וואס די „פאלקס שטימע" האט אויפגעוועקט מיט איהר שרעקליכען צעטטעל. ביי די שולדיגע איז דאס בלוט פארגליווערט געווארען פון גרויס שרעק, און ווי פארסמטע מייז זיינען זיי געלאפפען אהער, אין מיניסטעריום, בלאסע, דערשלאגענע. דער ערשטער איז געקומען צו לויפען דוטיל, אויפגערעגט ווי אין פיבער, יעדער אבער האט אין איהם געציטטערט. דער באראן האט איהם גוט אויסגעשטראפט פאר וואס איז ער אזוי שרעקעדיג און דער דעפוטאט איז באלד רוהיגער געווארען און זיך פארענטפערט, אז ער האט אפילו ניט געלעזען סאניעס ארטיקעל; ער קומט נאר בעטען פון מיניסטער א טובה פאר א בעקאנטע דאמע. דער באראן האט איהם פארשפראכען רעדען מיט'ן מיניסטער וועגען דער דאמע און באלד איהם משלח געווען אהיים. — תכף נאך דוטילס אוועקגעהן איז אנגעקומען דער דעפוטאט שאניא איינגעהויקערט, איינגעבויגען, גלייך ווי איהם וואלט שווער געווען טראגען דאס גרויסע פערדישע קאפ; אומריין געקליידט, ארים, ווי א אמת'ער בעטטלער. דערזעהענדיג דעם באראן איז ער באלד צוגעלאפען צו איהם מיט גרויס דרך־ארץ.

— אך, העיר באראן, וואס שלעכטע מענשען קאנגען אלץ טהון! זיי האבען מיך געשאכטען, אומגליקליך געמאכט! וואס וועט בלייבען פון מיין פרוי און מיינע טאכטער? איך בין דאך זייער איינציגער שפייזער... שטעללט אייך פאר, העיר באראן, איך האב שוין געפונגען א חתן פאר מיין עלטסטער טאכטער — און וואס פאר איין איינדרוק וועט מאכען דער ארטיקעל פון דער צייטונג אויף זיינע עלטערן? ווי וועל איך ביי זיי אויסזעהן? איך געה דאס טאקי יעצט צום מיניסטער בעטען ביי איהם א שטעללע פי: א סעקרעטאר פאר מיין צוקינפטיגען איידעם... גוט וועט זיין אז איך וועל קריגען די שטעללע, נאר טאמער חלילה ניט בין איך א פערפאללענער!

ער האט גערעדט מיט אזא צובראכען געמיטה מיט אזא רחמנות'דיגען קול, אז ביי דיווילייאר'ן איז געבליעבען טהון דעם ארימען מענשען א טובה. דיווילייאר האט שטאנדיג ליעב געהאט האלטען ארום זיך אזאלכע מענשען וואס פאר'ן שטיקעל ברויט וועלען זיי ווערען זיינע לאקאיען און אפגעבען זייער נשמה... ער האט איהם אויך משלח געווען מיט דעם צוזאג, אז ער וועט בעטטען דעם מיניסטער פאר זיין צוקינפטיגען איידעם, און נאך צוגעגעבען, אז ער וועט ווארטען אויף איהם ביי זיך

ון דֶער הַיים כְּדֵי אִיבֶּערְשְׁמוּעֶסֶען וִוי אַזוֹי צוּ בֶּעזָארְגֶען זַיין טָאכְטֶער.

שַׁאנְיָא הָאט גָאר נִיט גֶעוואוּסְט וִוי אָפְּדַאנְקֶען דֶעם גוּטֶען בַּארָאן.

— אַךְ, הֶערְר בַּארָאן, מַיין גַאנְץ לֶעבֶּען וֶועט נִיט קְלֶעקֶען אַייךְ אָפְּדִיעֶנֶען אר אַייעֶר טוֹבָה!

דִיווִילְיַאר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעדְרֶעהט אוּנ עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארֶען בֶּעמֶערְקֶענְדִיג דֶעם ייסְטְלִיכֶען פְּרָאמַאן זִיצְט אִין אַ ווִינְקֶעל אוּנ וַוארְט אוֹיף אוּדִיעֶנְץ. רַאכְט זִיךְ אַז ער קֶעהר נִיט צוּ אִיבֶּערְגֶעקוֹיפְטֶע, אָבְוָואהל מֶען עֶרְקֶענְנְט אוֹיף זַיין פָּנִים אַז עֶר אִיז אוֹיךְ וֶועהר אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען. דֶער בַּארָאן אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם גַייסְטְלִיכֶען, עדְרִיקְט זַיין הַאנְד אוּנ וֶועהר פְרַיינְדְלִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען מִיט אִיהם. פְּיֶער הָאט אִיהם בַּאלְד עֶרְצֶעהלְט אַז עֶר הָאט עֶרְהַאלְטֶען פוּן מִינִיסְטֶער אַ בְּרִיעף מִיט דֶער בַּקָשָׁה קוּמֶען צוּ אִיהם. צוּ וֶועלְכֶען צְוֶועק — וַויים עֶר נִיט אוּנ אִיז וֶועהר עֶרְשְׁטוֹינְט, וָואס קָאן דֶער מִינִיסְטֶער פֶערְלַאנְגֶען פוּן אִיהם? עֶר זִיצְט שׁוֹין דָא אוּנ וַוארְט אַ פִיעֶרְטֶעל שָׁעָה. מֶען זָאל חָאטְשׁ נִיט פֶערְגֶעסֶען אָן אִיהם דָא אִין דֶעם אוֹיפְנַאהם־צִימֶער!

דֶער קָאמִיסַאר אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אוּנ צוּגֶעלָאפֶען צוּם בַּארָאן.

— דֶער הֶערְר מִינִיסְטֶער וַוארְט אוֹיף אַייךְ, הֶערְר בַּארָאן. דִי מִינוּט אִיז עֶר פַארְנוּמֶען מִיט דֶעם מִינִיסְטֶער־פְּרֶעזִידֶענְט; נָאר תֵּכֶף וִוי עֶר גֶעהְט אַרוֹיס הָאבּ אִיךְ אַ בֶּעפֶעהל אַייךְ אַרַיינְבֶּעטֶען, הֶערְר בַּארָאן.

בַּאלְד אִיז טַאקִי בַּארְרוּ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן קַאבִּינֶעט. דֶערְקֶענֶענְדִיג דִיווִילְיַאר'ן אִיז עֶר צוּ אִיהם צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנ מִיט אַ בִּיטֶער גֶעמִיטְה גֶעמַאכְט אַ רֶעדֶע וֶועגֶען דֶעם סְקַאנְדַאל, אוּנ הָאט גֶעקָאכְט פַאר כַּעַס, וִוי אַ מֶענְשׁ וָואס לַיידְט דוּרְךְ אַ פַאלְשֶׁען בִּלְבּוּל. דִיווִילְיַאר אַלֵיין קֶאנְן דָאךְ עֵדוּת זָאגֶען אַז עֶר, בַּארְרוּ, הָאט פַאר זִיךְ נִיט גֶענוּמֶען אֲפִילוּ קֵיין אֵיינְצִיגֶען פֶּענִיג... בַּארְרוּ הָאט פַארְגֶעסֶען אַז עֶר רֶעדְט מִיט אַ בַּאנְקִיר אוּנ אַלֵיין אִיז עֶר דָאךְ פִינַאנְץ־מִינִיסְטֶער אוּנ הָאט אַרוֹיס־גֶעווִיזֶען זַיין גְרוֹיס עֶקֶעל צוּ אַלֶע גֶעלְט־גֶעשֶׁעפְטֶען. אָה דִי גֶעלְט־עֲסָקִים, וָואס פַאר אַ שְׁמוּצִיגֶע בְּלָאטֶע אִיז דָאס! אָבֶּער דֶער רְכִילוּתְנִיק וֶועט קְרִיגֶען זַיין פְּסַק! מֶען בֶּעדַארְף נָאר עֶרְצֶעהלֶען דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת, דָאס אִיז דָאס בֶּעסְטֶע גֶעוֶועהר.

דִיווִילְיַאר הָאט פוּן אִיהם קֵיין אוֹיג נִיט אַרָאבְּגֶעפִיהְרְט אוּנ פְּלוּצִים אִיז סִילְוְויַאנַא ווִידֶער אַרוֹיף אוֹיף זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען אוּנ נִיט גֶעוָואלְט אָפְּטְרֶעטֶען. וֶוען בַּארְרוּ וָואלְט נִיט גֶעוֶוען דַאמָאלְס אַזוֹי אַיינְגֶעשְׁפַּארְט בְּשַׁעַת עֶר הָאט אִיהם גֶעבֶּעטֶען פַאר סִילְוְויַאנַא'ן, וָואלְט זִי שׁוֹין לַאנְג גֶעוֶוען אִין טְהֶעאַטֶער אוּנ דִי נֶאכְטִיגֶע מַאוּסֶע גֶעשִׁיכְטֶע וָואלְט גָאר נִיט פַּאסִירְט. דֶער בַּארָאן הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ אַלֵיין בֶּעשׁוּלְדִיגֶען, פַאר וָואס הָאט עֶר נִיט גֶעטְהוּן אִיהר קַאפְּרִיז? וֶוען זִי אִיז שׁוֹין אִין טְהֶעאַטֶער וָואלְט זִי גֶעוִויסס פִיעל שֶׁאנֶער אוּנ בֶּעסֶער זִיךְ בֶּעגַאנְגֶען מִיט אִיהם.

— אִיהר ווייסְט, אִיךְ בִּין אִין כַּעַס אוֹיף אַייךְ — הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען דֶעם מִינִיסְטֶערְס קְלָאנְגְרֵייד.

— אִין כַּעַס ? פַאר וָואס ?

— דֶערְפַאר וָואס אִיהר הָאט מִיר נִיט צוּגֶעהָאלְפֶען דַאמָאלְס , אִיהר גֶעדֵיינְקְט , וֶוענֶען מַיין פְרַיינְדִין וָואס הָאט גֶעוָואלְט שְׁפִּיעלֶען אִין פְרַאנְצֶאזִישֶׁער קָאמֶעדְיֶע .

בַּארְרוּ הָאט פְרַיינְדְלִיךְ אַ שְׁמַייכֶעל גֶעגֶעבֶּען .

— אַךְ יָא , סִילְוְויַאנַא דְ'אָנֵיי ! אָבֶער בֶּעסְטֶער פְרַיינְד , טַאבּוּרָא הָאט פַאר קַיין פַאלל נִיט גֶעוָואלְט . דִי שֶׁאנֶע קוּנְסְטֶען קֶעהְרֶן צוּ אִיהם אוּנ בַּיי אִיהם אִיז דִי גַאנְצֶע דֵעָה . אִיךְ בִּין דָא גָאר נִיט שׁוּלְדִיג . עֶר אִיז אַ גַאנְץ אָרֶענְטְלִיכֶער מֶענְשׁ , נָאר אַ פְּרָאוִוינְצְיַאל אוּנ הָאט זַיינֶע פֶעסְטֶע אִיבֶּערְצַייגוּנְגֶען . . . אָט אִיךְ בִּין אַ אַלְטֶער פַּארִיזֶער , אִיךְ פַארְשְׁטֶעה אַלֶעסְדִינְג אוּנ וָואלְט גֶעוֶועזֶען זֶעהר צוּפְרִיעדֶען טְהוּן אַייךְ דִי גֶעפֶאללִיגְקַייט .

— וַוייטֶער טַאבּוּרָא אוּנ ווִידֶער טַאבּוּרָא ! — הָאט דֶער בַּארַאן גֶעזָאגְט מִיט הִיטְץ — אַייךְ הָאט גֶעגְלוּסְט אָנְהֶעהֶענְגֶען זִיךְ אוֹיפְ'ן הַאלְז דֶעם שְׁטֵיין ! עֶר אִיז אַ אָרֶענְטְלִיכֶער ! וֶוער אִיז דָאס נִיט אָרֶענְטְלִיךְ ? גֶענוּג , טְהַייעֶרֶער מִינִיסְטֶער . דִי צַייט אִיז נָאךְ נִיט אַרִיבֶּער , הַייסְט אַרַיינְגֶעהְמֶען סִילְוְויַאנַאן , דָאס וֶועט אַייךְ בְּרֶענְגֶען גְלִיק צוּם מָארְגֶעדִיגֶען טָאג .

בַּארְרוּ הָאט זִיךְ צוּלַאכְט אוֹיפְ'ן קוֹל :

— נֵיין . נֵיין ! יֶעצְט אִין אַזַא צַייט קֶען אִיךְ מִיךְ נִיט צוּקְרִיעגֶען מִיט טַאבּוּרָא'ן . . . מֶען וֶועט מִיךְ פְּרָאסְט אוֹיסְלַאכֶען . בִּכְלַל אִיז לֶאכֶערְלִיךְ אַז דוּרְךְ סִילְוְויַאנַאן זָאל דָאס מִינִיסְטֶערְיוּם פַאללֶען אָדֶער גֶערַאטֶעוֶועט וֶוערֶען !

אוּנ עֶר הָאט אוֹיסגֶעשְׁטְרֶעקְט דִי הַאנְד , זִיךְ גֶעזֶעגֶענֶען מִיטְ'ן בַּארָאן . דֶער בַּארָאן הָאט זִי גֶעדְרִיקְט אָבֶּער צוּגֶעהַאלְטֶען אַ וַוייל אוּנ מִיט זֶעהר אַ עֶרְנְסְטֶע מִינֶע אִיהם גֶעזָאגְט , בְּלַאסס וֶוערֶענְדִיג :

— אִיהר לַאכְט אוּמְזָאנְסְט , לִיעבֶּער מִינִיסְטֶער . ס'הָאט שׁוֹין גֶעטְרָאפֶּען פִיעל מָאל , אַז דוּרְךְ אַזָאלְכֶע קְלֵיינִיגְקַייטְעֶן זַיינֶען מִינִיסְטָארֶען גֶעפַאללֶען . . . אוֹיבּ אִיהר וֶועט מָארְגֶען אַרָאפּפְלִיהֶען ווִינְשׁ אִיךְ אַייךְ , אִיהר זָאלְט קֵיינְמָאל נִיט חֲרָטָה הָאבֶּען אוֹיף דֶעם .

בַּ א ר ר וּ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנ וֶועהְרֶענְד דִיוִוילְיַאר הָאט אִיהם בֶּעגְלַייט מִיט דִי אוֹיגֶען הָאט עֶר אַ פֶערְוואוּנְדֶערְטֶער דֶערְזֶעהְן , ווִי פָּ א נְ סֶ ע נ , דֶער רֶעדַאקְטָאר פוּן „גְלָאבּ“ , וָואס אִיז נָאר־וָואס אַרַיין אִין צִימֶער , דְרֶעהְט זִיךְ אַוֶועק אוּנ פַארְשְׁטֶעללְט זִיךְ אַז דֶער מִינִיסְטֶער זָאלל אִיהם נִיט בֶּעמֶערְקֶען . דֶעם רֶעדַאקְטָאר'ס אוֹיגֶען זַיינֶען מוּטְנֶע ; זַיין קְלֵיינֶע פִיגוּר וָואס אִיז שְׁטֶאנְדִיג אַזוֹי לֶעבֶּעדִיג אוּנ וַוארְפֶּעדִיג , אִיז יֶעצְט וַוי דֶערְשְׁלָאגֶען .

— אִיהר הָאט נִיט בֶּעמֶערְקְט אַייעֶר פְרַיינְד בַּארְרוּ'ן ? — הָאט אִיהם דֶער בָּארָאן גֶעפְרֶעגְט פַארְאִינְטְרִיגִירְט .

— בַּארְרוּ'ן ? נֵיין .

דוּרְךְ דֶעם אָפְפֶענֶעם לִיגֶען הָאט עֶר זִיךְ אִין גַאנְצֶען אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען . עֶר מִיט

ורון׳ הָאבֶּען זִיךְ גֶערוּצְט , בַּארְרוּ הָאט אוּנְטֶערְגֶעהאַלְטֶען אוּנ גֶעשְׁמֵיצְט זַיין
יטוּנג ; שׁוֹין בַּאלְד צֶעהן יָאהר אַז זֵיי הָאבֶּען דִי זֶעלְבֶּע אִידֶעעֶן , דִי זֶעלְבֶּע פָּאלִיטִישֶׁע
בֶּערְצֵייגוּנְגֶען . נָאר יֶעצְט הָאט פָּאנְסֶעג וַואהרְשֵׁיינְלִיךְ דֶערְשְׁמֶעקְט , אַז ס׳אִיז פַאר
הם גְלַייכֶער אָבְּזָאגֶען זִיךְ פוּן דֶער פְרַיינְדְשַׁאפְט , אוֹיב עֶר ווִילל נִיט הָאבֶּען
מַפָּלָה צוּזַאמֶען מִיט׳ן מִינִיסְטֶער .

– אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעגְלוֹיבְּט אַז אִיהר זַייט צוּקְרִיעגְט מִיט מָאנְפֶּערְרַאן ? – הָאט
ער בַּארָאן וַוייטֶער גֶערֶעדְט – ווִי קוּמְט אִיהר אַהֶער ?

– אָ , לִיעבֶּער בַּארָאן , אַ רֶעדַאקְטָאר פוּן אַ גְרוֹיסֶער צַייטוּנְג קָאן מִיט קֵיינֶעם
ט זַיין צוּקְרִיעגְט . עֶר מוּז דִיענֶען זַיין פָאטֶערְלַאנְד .

אָבְּוָואהל דִיווִילְיַאר הָאט גֶעהַאט אַייגֶענֶע זָארְגֶען , דָאךְ הָאט עֶר זִיךְ נִיט
קָאנְט אַיינְהַאלְטֶען פוּן אַ שְׁמֵייכֶעל .

– אִיהר הָאט רֶעכְט . אוֹיסֶער דֶעם אִיז מָאנְפֶּערְרַאן ווִירְקְלִיךְ אַ קְלוּגֶער מֶענְ׳ש .
׳אִיז כְּדַאי אַזָאלְכֶען צוּ אוּנְטֶערְהַאלְטֶען .

דֶער קָאמִיסַאר אִיז צוּ זֵיי צוּגֶעגַאנְגֶען .

– אִיךְ עֶרְלוֹיבּ מִיר צוּ דֶערְמָאנֶען דֶעם הֶערר בַּארָאן , אַז דֶער הֶערר מִינִיסְטֶער
ארְט אוֹיף אַייךְ .

בְּלֵייבֶּענְדִיג אַלֵיין מִיט דֶעם גַייסְטְלִיכֶען פְרָאמַאן אִיז פָּאנְסֶעג תֵּכֶף צוּגֶעגַאנְגֶען ,
ךְ גֶעזֶעצְט נֶעבֶּען אִיהם אוּנ גֶעפְרֶעגְט אַ פֶּערְוואוּנְדֶערְטֶער וָואס טְהוּט עֶר
א . פֶּ יֶ ע ר הָאט אִיהם גֶעזָאגְט דָאס זֶעלְבֶּע וָואס דֶעם בַּארָאן , אַז דֶער מִינִיסְטֶער
האט אִיהם אַיינְגֶעלַאדֶען מִיט אַ בְּרִיף , נָאר צוּ וֶועלְכֶען צְוֶועק ווֵייס עֶר נִיט . עֶר
איז נָאךְ אַלְץ גֶעווֶען שְׁטַארְק אוּמְרוּהִיג , דִי פִינְגֶער הָאבֶּען אִיהם גֶעצִיטֶערְט פוּן
אוֹיפְרֶעגוּנְג .

דֶערְוֶועהְנְדִיג דִיווִילְיַאר׳ן אִיז מָאנְפֶּערְרַאן אִיהם גֶעגַאנְגֶען אַנְטְקֶעגֶען מִיט
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶע הֶאנְד אוּנ גֶעזָאגְט מִיט זַיין שְׁמֵייכֶעלְדִיגֶער , גוּטְהַארְצִיגֶער מִינֶע :

– וָואס זָאגְט אִיהר צוּ דֶער גֶעשִׁיכְטֶע , טְהַייעֶרֶער בַּארָאן ?

– נַארְרִישְׁקֵייט ! – הָאט דֶער בַּארָאן קוּרְץ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען
מִיט דִי פְּלֵייצֶעם .

עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם זֶעלְבֶּען אָרְט וואוּ בַּארְרוּ אִיז פְרִיהֶער
גֶעזֶעסֶען . דֶער מִינִיסְטֶער הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אִיהם עֶנְטְקֶעגֶען . זֵיי הָאבֶּען גוּט פַאר־
שְׁטַאנֶען אַיינֶער דֶעם צְווייטֶען אוּנ בֵּיידֶע הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ בֶּעקְלָאגֶען אוּנ
אוֹיסְוַוייזֶען , אַז קוּים וֶועט מֶען פֶערְלַאנְגֶען , מֶענְשֶׁען זָאללֶען זַיין רֵיין ווִי מַלְאָכִים ,
אִיז דָאךְ אַ נ׳עֶק פוּן דֶער וֶועלְט . נִיט דִי רֶעגִירוּנְג אוּנ נִיט יֶעדֶער אַיינְצִיגֶער מֶענְ׳ש
וֶועט קָאנֶען עֶפֶּעס אוֹיפְטְהוּן . פוּן אַייבִּיג אָן , אַז מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט עֶפֶּעס פוּעֶל׳ן
בַּיים פַּארְלַאמֶענְט הָאט מֶען בֶּענוּצְט אַללֶע מֶעגְלִיכֶע מִיטְלֶען אִיבֶּערְרֶעדֶען אוּנ אִיבֶּערְ־
קוֹיפֶען דִי דֶעפּוּטַאטֶען , מֶען קָאנן אַללֶעמֶען אִיבֶּערְקוֹיפֶען , אַיינֶעם מִיט אַ גוּט וָוארְט ,

דֶעם צְוֵוייטֶען מִיט אַ גֶעפֶּאללִינְקַייט אוּנ דֶעם דְרִיטֶען פְּרָאכְט מִיט גֶעלְט אָדֶער מַתָּנוֹת. אוּנ אֲפִילוּ אַז מֶען אִיז הַיינְטִיגֶעס מָאל צוּ וַוייט פַארְקְרָאכֶען, בְּרוֹיךְ מֶען מַאכֶען אַזַא לְיַארְם? אִיז דֶען נִיט אַ הֵיילִיגֶער חוֹב אוֹיף דֶער רֶעגִירוּנְג פַארְשְׁטִיקְן דֶעם סְקַאנְדַאל אוּנ אִיהם עוֹקֵר מִן הַשּׁוֹרֶשׁ זַיין?

— גֶעוִויסס, אִיהר הָאט טוֹיזֶענְד מָאל רֶעכְט! — הָאט מָאנְפֶּערְרַאן אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן — וֶוען אִיךְ זָאל נָאר זַיין בְּכֹּחַ, וָואלְט אִיהר גֶעזֶעהן וִוי אִיךְ וָואלְט זֵי אַללֶע בֶּעגְרָאבֶּען.

דִיוִוילְיַאר הָאט אִיהם שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט אוּנ זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט אוֹיף זַיינֶע לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער. דֶער מִינִיסְטֶער הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט אוּנ וַוייטֶער גֶעזָאגְט מִיט זַיין שְׁמַייכֶעל:

— צוּם אוּמְגְלִיק בִּין אִיךְ נִיט דֶער גַאנְצֶער בַּעַל־הַבַּיִת. דַארוּם הָאבּ אִיךְ טַאקִי אַייךְ מַטְרִיחַ גֶעוֶוען, אִיבֶּערְשְׁמוּעֶסֶען וֶועגֶען דֶער יֶעצְטִיגֶער לַאגֶע... נָאר וָואס אִיז דָא גֶעוֶוען בַּארְרוּ. עֶר אִיז זֶעהר גֶעפַאללֶען אוּנ לָאזְט זִיךְ גָאר נִיט אִיבֶּערְרֶעדֶען.

— יָא, אִיךְ הָאבּ אִיהם בֶּעגֶעגֶענְט. עֶר הָאט אָפְּט זֶעהר מָאדְנֶע גֶעדַאנְקֶען... מַחְשָׁבוֹתְן, אִיהר וַוייסְט אַז פ א נ ס ע ג וַוארְט דָא אִין אוֹיפְנַאהְם־צִימְמֶער? קוּים ווייל עֶר וֶוערֶען שָׁלוֹם טָא בֶּעט אִיהם אַרַיין. עֶר אִיז נִיט קַיין אִיבְּרִיגֶער מֶענְשׁ, קֶען גֶעבֶּען אַ גוּטֶע עֵצָה, אוּנ זַיין צַייטוּנְג אִיז זֶעהר וִויכְטִיג...

— וָואס רֶעדְט אִיהר? פָאנְסֶעג אִיז דָא? אִיךְ בִּין זֶעהר צוּפְרִיעֶדֶען אִיהם דְּ הַאנְד דְרִיקֶען. אוּנְזֶער אַלְטֶע מַחֲלוֹקֶת הָאבּ אִיךְ שׁוֹין לַאנְג פַארְגֶעסֶען.

דֶער קָאמִיסַאר הָאט אַרַיינְגֶערוּפֶען פ א נ ס ע ג׳ן אוּנ בַּאלְד אִיז גֶעוָוארֶען אַ שָׁלוֹם נָאר אוֹיפְ׳ן פְּרָאסְטֶען אוֹפֶן, אָהן צֶערֶעמָאנְיֶעס. זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען חֲבֵרִים גֶעלֶערְנְט אִין אֵיין גִימְנַאזְיוּם אִין זַייעֶר גֶעבּוּרְטְס־שְׁטָאדְט, נָאר שׁוֹין פוּן צֶעהן יָאהר הָאבֶּען זֵיי נִיט גֶעגְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְ׳ן אִיבֶּער אַ מִיאוּסֶע גֶעשִׁיכְטֶע וָואס צְווִישֶׁען זֵיי אִיז פָארְגֶעקוּמֶען. מֶען מוּז אָבֶּער אַמָאל בֶּעגְרָאבֶּען דִי פְּגָרִים, צוּ אָפְּרֵיינִיגֶען דֶעם פְּלַאץ פַאר אַ נַייֶעם קְרִיעג.

— זֶעהר פַיין פוּן דַיין זַייט וָואס דוּ בִּיסְט גֶעקוּמֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער. אַלְזָא פַארְגֶעסֶען אַללֶע אַמָאלִיגֶע חֲטָאִים. בִּיסְט נִיט אִין כַּעַס?

— נֵיין. צוּ וָואס זָאל מֶען זִיךְ קְרִיגֶען אַז ס׳אִיז פִיעל גְ׳ בֶּער לֶעבֶּען אִין שָׁלוֹם!

אוּנ בַּאלְד הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען פוּן דֶער פְרַאגֶע וָואס אִינְטֶערֶעסִירְט זֵיי אַללֶע דְרַיי. וֶוען מָאנְפֶּערְרַאן הָאט עֶרְצֶעהלְט אַז בַּארְרוּ ווילל זָאגֶען דֶעם אֱמֶת אוּנ אַלְסְדִינְג מוֹדֶה זַיין, הָאבֶּען דִי אַנְדֶערֶע צְוֵויי פְּרָאטֶעסְטִירְט מִיט גְרוֹיס כַּעַס. מֶען מוּז אִיהם מִיט אַללֶע כֹּחוֹת אָפְּרֶעדֶען פוּן אַזַא נַארִישְׁקַייט, זָאנְסְט אִיז עֶר גֶעוִויסס פֶערְלָארֶען. נָאכְדֶעם הָאבֶּען זֵיי אָנְגֶעהוֹיבֶּען זוּכֶען פֶערְשִׁידֶענֶע פְּלֶאנֶער וִוי אַזוֹי צוּ רַאטֶעוֶוען דָאס מִינִיסְטֶערִיוּם פוּן גֶעפַאהר. מָאנְפֶּערְרַאן הָאט גֶעמַאכְט דֶעם

אנשטעלל, אז איהם געהט אין גאנצען לעבען ראטעוועו זיינע קאלעגעס צו־אממען מיט זיך, אונ ער שארפט זיין מוח צו געפינגען אללערליי עצות, אבער אין די ווינקעלעך פון זיינע ליפפען אין געוועסען א חיטרער שמייכעל... ענדליך האט ער א מאך געטהון מיט דער האנד ווי איינער וואס האט שוין פארלוירען אללע האפפנונגען:

— ניטא קיין שום עצה! דאס מיניסטעריום איז פארלארען!

דיוויליאר אונ פאנסעג האבען איבערגעשראקענע א קוק געגעבען איינער אויפ'ן אנדערן. זיי האבען מורא געהאט אז דער עסק פון די אפריקאנישע אייזענבאהנען אל אריינפאללען א נייעם מיניסטעריום אין די האנד, דאמאלס וועט געוויס זיין פאסקודנע. ווי נ א נ ס מיניסטעריום וועט געוויס אין דער ערשטער צייט וועלען שטאלצירען מיט זיין ערענטליכקייט אונ אללע שולדיגע, איבערגעקויפטע, וועלען זאפען א פינסטערען סוף...

— וואס דען טוהט מען?

אין דער מינוט האט דער טעלעפאן אנגעהויבען קלינגען. מאנפערראן איז באלד צוגעלאפפען.

א ווייל האט ער זיך איינגעהערט אונ אליין גערעדט, אבער פון זיינע קורצע פראגען אונ אנטווארטען האט מען ניט געקאנט וויססען וועגען וואס ער רעדט. די מעשה איז אזוי געוועזען:

דער נאטשאלניק פון געהיים-פאליציי האט געהאלטען ווארט אונ טעלעפאנירט דעם מיניסטער אז ענדליך האט מען דעם מענשען אפגעזוכט אין בולאנער וואלד אונ מען מאכט יעצט די אבלאווע אויף איהם.

— אויסגעצייכענט! פארגעסט ניט וואס איך האב אייך אנגעזאגט.

נאכדעם איז דער מיניסטער אוועקגעגאנגען פון טעלעפאן, זיך געשטעללט אין מיטטען קאבינעט אונ גענומען רעדען בריידערליך:

— וואס זאל מען טהון, בעסטע פריינד, איך וואלט וועלען זיין דער גאנצער בעל-הבית. אה, ווען אלסדינג זאלל זיך ווענדען נאר אן מיר!... איך וואלט געהייסען מאכען א אונטערזוכונגס-קאמיסיע אונ דער גאנצער שמוציגער עסק וואלט בעגראבען ווערען אויף אייביג. איך וואלט מיך אין קיין זאך ניט מודה געווען, נאר אוועקזעצען א אונטערזוכונגס-קאמיסיע מאכען א סליעדסטווא; איהר וואלט געזעהן ווי די גאנצע בלאטע וואלט פארשוואונדען ווערען...

דיוויליאר אונ פאנסעג האבען זיך צולאכט; אבער פאנסעג האט פארשטאנען דעם תוך פון דער זאך; ער האט גוט געקענט זיין געוועזענעם גוטען פריינד.

— האר, ווען אפילו דאס מיניסטעריום זאל אראבפליהען, איז דאך נאך ניט קיין מוז אז דו זאלסט אויך מיט זיי פאללען! יעדעם מיניסטעריום קאנן מען איבעראנייעם צונויפקלעבען, קוים זיינען נאר די שפייקער שטארק!

מָאנְפֶּערְרַאן הָאט מוֹרא גֶעקְרִיעגֶען טָאמִיר טְרֶעפֶפֶּען זַיי זַיין פְּלַאן אוּ גְעחַאפְּט זִיךְ פַארְעֶנְטְפֶערן.

— נֵיין, נֵיין, מַיין טְהַייֶערֶער, אִיךְ לָאז מִיךְ נִיט אַרַיין אִין אַזָאלְכֶע שְׁפִּיצְלֶעךְ מֶען בֶּעדַארְף זַיין יַד אַחַת, הָאלל דֶער טַייוֶועל!

— יַד אַחַת! אַ שֶׁאן גֶעשֶׁאפְּט הַאלְטֶען יַד אַחַת מִיט אַזָאלְכֶע אַייזְלֶען וָואָ קְרִיכֶען אַלֵיין אִין פַייֶער! קוּים בִּיסְט דוּ אוּנְז נֶאטְהִיג, הָאבֶּען מִיר דָאס רֶעכְט דִין צוּ רַאטֶעוֶוען אֲפִילוּ קֶעגֶען דַיין אַייגֶענֶעם ווִילְלֶען... נִיט וַואהר, טְהַייֶערֶע בַּארָאן?

מָאנְפֶּערְרַאן הָאט זִיךְ גֶעוֶעצְט אוּנ גֶעוַוארְט וָואס דִיווִילְיַאר וֶועט עֶנְטְפֶערְן. אִי דִיווִילְיַאר'ן הָאט זִיךְ צוּרִיק אוֹיפְגֶעוֶועקְט זַיין תַּאֲוָה, עֶר אִיז צוּקָאכְט גֶעוָוארֶע דֶערְמָאנֶענְדִיג זִיךְ אַז בַּאררוּ הָאט אִיהם אָפְּגֶעזָאגְט זַיין בַּקָשָׁה וֶועגֶען סִילְוְוַיאנַא'ן אוּנ עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן אָרְט.

— נוּ, גֶעווִיסס, עֶס פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ! אוֹיבּ דֶעם מִינִיסְטֶערְיוּם אִיז בֶּעשֶׁערְט צ פַאלְלֶען, לָאז עֶר פַאללֶען גֶעזוּנְטֶערְהַייט. צוּ וָואס טוֹיג אַזַא מִינִיסְטֶערְיוּם אִין וֶועלְכֶע עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אַזַא הֶערְר ווִי טַ א ב וּ רָ א? עֶפֶּעס אַ אַלְטֶען קֶרַח וָואס אִיז צַייט זַיי לֶעבֶּען נִיט גֶעוֶוען אִין טְהֶעאַטֶער בְּרֶענְגְט מֶען צוּשְׁלֶעפֶּען פוּן דֶער פְּרָאווִינְץ, אוּ מַאכְט אִיהם פַאר אַ בַּעַל־הַבַּיִת אִיבֶּער אַללֶע טְהֶעאַטָארֶען! אִיז עֶפֶּעס אַ וואוּנְדֶע אַז עֶר טְהוּט אַיין נַארִישְׁקַייט גְרֶעסֶער פוּן דֶער אַנְדֶערֶער?

מָאנְפֶּערְרַאן, וָואס הָאט גֶעוואוּסְט דִי גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע מִיט סִילְוְוַיאנַא'ן, הָאנ גְעמַאכְט אַ עֶרְנְסְט פָּנִים אוּנ גֶענוּמֶען רֵייצֶען דֶעם בַּארָאן.

— טַאבּוּרָא אִיז טַאקִי אַבִּיסֶעל אַ אָבְּגֶעקְרָאכֶענֶער, אַלְטְמָאדִישֶׁער פְּרָאפֶעססָאר אָבֶּער אַזַא מֶענְשׁ אִיז דַוְקָא נֶאטְהִיג צוּ דֶער פָאלְקְס־בִּילְדוּנְג — עֶר פַּאסְסְט זֶעהר צ אַזַא שְׁטֶעללֶע...

— אָה, רֶעדְט מִיר נִיט, לִיעבְּסְטֶער פְרַיינְד! אִיהר זַייט דָאךְ אַ מֶענְשׁ מִינ פֶערְשְׁטַאנְד, ווִי קָאנְנְט אִיהר פַארְעֶנְטְפֶערן טַאבּוּרָא'ן? וָואס אֶמֶת, אִיךְ ווִילל שְׁרֶעקְלִיךְ אַז סִילְוְוַיאנַא זָאל שְׁפִּיעלֶען, ווָארוּם אִין תּוֹךְ אַרַיין אִיז זִי זֶעהר אַ לִיעבֶּענ מֶאדֶעל אוּנ הָאט גְרוֹיס טַאלַאנְט. אִיהר הָאט דֶען עֶפֶּעס דַאגֶעגֶען?

— אִיךְ? זָאל גָאט הִיטֶען! אַ שֶׁאן מֶאדֶעל אִיז קֵיינְמָאל נִיט אִיבְּרִיג אוֹיף דֶער סְצֶענֶע — עֶס וָואלְט אַלְלֶעמֶען גֶעוֶוען זֶעהר אַנְגֶענֶעהם. מֶען בֶּעדַארְף אָבֶּער, אַ אִין דֶער שְׁפִּיטְץ פוּן מִינִיסְטֶערְיוּם צוּ פָאלְקְס־בִּילְדוּנְג זָאל שְׁטֶעהן אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען.

אוֹיף זַיין גֶעזִיכְט אִיז וַוייטֶער אִיבֶּערְגֶעפְלוֹיגֶען אַחִיטְרֶער שְׁמֵייכֶעל. עֶס אִי טַאקִי כְּדַאי זִיךְ סְטַארֶען אַז דָאס מֶאדֶעל זָאל אַרַיין אִין טְהֶעאַטֶער, כְּדֵי דַאדוּרְךְ צ גֶעווִינֶען דִיווִילְיַאר'ן מִיט אַללֶע זַיינֶע מִילְיָאנֶען... עֶר הָאט אַ קוּק גֶעגֶעבֶּען אוֹיף פַאנְהֶעג'ן, גְלַייךְ עֶר פְרֶעגְט זַיין עֵצָה. יֶענֶער הָאט גֶעמַאכְט אַ עֶרְנְסְטֶע מִינֶע אוּנ גֶענִיטֶען טְרַאכְטֶען, אִיבֶּערְלֶעגֶען.

— לויט מַיין מֵיינוּנג וָואלט נָאר אַ סֶענַאטָאר גֶעפַּאססט צוּ זַיין מִינִיסְטֶער פוּן פאָלְקְס-בִּילְדוּנְג. דִי צָרָה אִיז נָאר, וָואס אִךְ זֶעה לַחֲלוּטִין נִיט אַזַא פַּאסֶענְדֶען מֶענְשֶׁען... אֱמֶת, דְרָאוֶוערְן אִיז דָא...

מָאנְפֶּערְרַאן הָאט אויסגֶעשְׁרִיעֶן אַ פֶּערְוואוּנְדֶערְטֶער:

— וֶוער אַזוֹינְס? דְרָאוֶוערְן? אַךְ יָא, דֶער סֶענַאטָאר פוּן דִיזְשָׁאן... עֶר הָאט אָךְ אָבֶּער קַיין שוּם בֶּעגְרִיף נִיט פוּן אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט-זַאכֶען, ווִי קוּמְט עֶר צוּ בִּילְדוּנְג? מֶענְשׁ אָהן דִי מִינְדֶסְטֶע פֶאהִיגְקַייט!

— אִיךְ זָאג דָאךְ נִיט אוֹיף בֶּעשְׁטִימְמְט אַז דַוְקָא עֶר זָאל זַיין מִינִיסְטֶער, אִיךְ זָאג נָאר... דְרָאוֶוערְן אִיז אַ שֶׁאנֶער פַּערְשׁוֹין, אַ אָסְאבֶּע. אויסֶער דֶעם אִיז עֶר זֶעהר רַייךְ, הָאט אַ יוּנְגֶע, שֶׁאנֶע וַוייבֶּעל - דָאס אִיז נִיט קַיין חִסָרוֹן —; עֶר מַאכְט גְרוֹיסֶע בַּאלֶען אִין זַיין הויז אוֹיפְ'ן בּוּלְוַאר סֶען-זֶשֶׁערְמֶען.

וָואס וַוייטֶער פָאנְסֶעג הָאט גֶערֶעדְט אִיז אַלְץ בַּיי אִיהם דֶער פְּלַאן גֶעשְׁטִיעגֶען אַז דְרָאוֶוערְן אִיז ווִירְקְלִיךְ פּוּנְקְט גֶעפַּאסְט פַאר דֶער שְׁטֶעללֶע.

— וַוארְט נָאר! מִיר שַׁיינְט אַז דְרָאוֶוערְן הָאט אִין דֶער יוּגֶענְד פֶערְפַאסְט עֶפֶּעס טְהֶעאַטֶער-שְׁטִיק אוּנְ מֶען הָאט זִי טַאקִי גֶעשְׁפִּיעלְט אוֹיף דֶער סְצֶענֶע אִין דִיזְשָׁאן, אוּנְ דִיזְשָׁאן הָאט דָאךְ אַ שֵׁם פַאר אַ לִיטֶערַארִישֶׁע שְׁטָאדְט. דָאס הָאט פַאר דְרָאוֶוערְן פִיעל צוּ בֶּעדַייטֶען. אויסֶער דֶעם וָואהְנְט עֶר שׁוֹין צְוַואנְצִיג יָאהר אִין פַּארִיז אוּנְ אִיז גֶעוָוארֶען אַ אֱמֶתֶער פַּארִיזֶער מֶענְשׁ... דְרָאוֶוערְן וֶועט פָאלְגֶען אַלְסְדִינְג וָואס מֶען וֶועט פוּן אִיהם פַּארְלַאנְגֶען. אִיךְ זָאג אַייךְ, אַזַא מֶענְשׁ אִיז פַאר אוּנְז ווִי גֶעווּנְשֶׁען, אַ כְּשֵׁרֶה מְצִיאָה!...

דְרִיוִוילְיַאר הָאט נָאךְ צוּגֶעגֶעבֶּען אַז עֶר אִיז בֶּעקַאנְנְט פֶּערְזֶענְלִיךְ מִיט דְרָאוֶוערְן אוּנְ קֶענֶען אִיהם פַאר זֶעהר אַ לִיעבֶּען מֶענְשֶׁען. אִיבְּרִיגֶענְס וָואס אִיז דִי נַפְקָא-מִינָה, גָר צוּ אַ נְ'אַנְדֶערֶער, סְ'אִיז דֶען נִיט אַלְץ אֵיינְס?

— נוּ, לָאז זַיין דְרָאוֶוערְן! — הָאט מָאנְפֶּערְרַאן נָאכְגֶעגֶעבֶּען.

פְּלוּצְלִינְג הָאט עֶר זִיךְ צוּלַאכְט אוֹיפְ'ן הוֹיכֶען קוֹל.

— אַ אַנְטִיק! מִיר מַאכֶען נַייעֶ מִינִיסְטָארֶען נָאר צוּלִיעב דֶעם אַז דִי שֶׁאנֶע דַאמֶעלֶע זָאל אָנְקוּמֶען אִין טְהֶעאַטֶער, סִילְוִויַאנַאס מִינִיסְטֶעְרִיוּם!... נוּ, אוּנְ וָואס וֶועט זַיין מִיט דִי אִיבְּרִיגֶע מִינִיסְטֶערְסְקֶע שְׁטֶעללֶעס?

אוּנְ לַאכֶענְדִיג הָאבֶּען אַללֶע דְרַיי גֶענוּמֶען קְלַייבֶּען אוּנְ פְּרָאיֶעקְטִירֶען וֶוער ס'זָאלֶען זַיין דִי אִיבְּרִיגֶע מִינִיסְטָארֶען אִין נַייעֶם מִינִיסְטֶערְיוּם. דֶער פְּלַאן אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פַּארְטִיגֶער: בַּ א ר ר וּ'ן בֶּעדַארְף מֶען אַרָאפְּוַוארְפֶען אוּנְ נָאכְדֶעם זֶעהן אַרויסשְׁלֶעפֶּען מָאנְפֶּערְרַאן פוּן דֶער בְּלָאטֶע. מָאנְפֶּערְרַאן אִיז גֶעוֶועזֶען גְרֵייט נָאכְגֶעבֶּען ווִי וָואס זֵיי וֶועלֶען נָאר פֶּערְלַאנְגֶען, אִיהם אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר ווִיכְטִיג דִי הִילְף פוּן דְרִיוִוילְיַארְס מִילְיָאנֶען אוּנְ פָאנְסֶעגְס גְרוֹיסֶע צַייטוּנְג — דָאס זַיינֶען צְוֵויי גוּטֶע פַאדְפָארְס; זֵיי ווִידֶער הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט מָאנְפֶּערְרַאנֶען, ווַייל עֶר אִיז אַ עֶנֶערְגִישֶׁער מֶענְשׁ אוּנְ וֶועט בֶּעגְרָאבֶּען דֶעם גַאנְצֶען סְקַאנְדַאל פוּן דִי אַייזֶענְבַּאהֶנֶען; עֶר וֶועט מַאכֶען אַ קָאמִיסִיֶע

צוּ פִיהרֶען אַ סְלֶיעדְסְטְוָוא אוּנ דִי גַאנְצֶע מַאוּסֶע גֶעשִׂיכְטֶע וֶועט פַארְרִיבֶּען וֶוערֶען.

אַללֶע דְרַייא זַיינֶען בַּאלְד גֶעוָוארֶען וִוי צוּגֶעוָואטֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען, וַוייל קַיין זַאךְ פַארְבִּינְדְט נִיט מֶענְשֶׁען וִוי דֶער גֶעפִיהל, אַז זֵיי הָאבֶּען אַיין גֶעשֶׁאפְט א אֵיינֶער וֶועט הָאבֶּען אַ טוֹבָה פוּן צְוֵוייטֶען . . . קוּים הָאט נָאר דִּיוִוילְיַאר גֶעמַאכְט אַ רֶעדֶע וֶועגֶען דוּטִיל אוּנ דִי יוּנְגֶע דַאמֶע וָואס דוּטִיל ווילל פַאר אִיהר אַ גֶעפְּאֵ לִיגְקַייט פוּן מִינִיסְטֶער, הָאט דֶער מִינִיסְטֶער בַּאלְד פַארְשְׁפְּרָאכֶען טְהוּן זַיין בַּקָשָׁה דוּטִיל אִיז אַ אוֹיסְגֶעצַייכֶענְטֶער יוּנְג. הַלְוַאי אַ סַךְ אַזָאלְכֶע לִיעבֶּע מֶענְשֶׁען וִוי עֶר

בַּיי זֵיי אִיז אוֹיךְ גֶעבְּלִיבֶּען גֶעבֶּען אַ שְׁטֶעלֶלֶע שַׁאנְיָאס צוּקִינְפְטִיגֶען אַיידֶעם דֶער אָרִימֶער שַׁאנְיָא אִיז אַזַא גֶעטְרַייעֶר, שְׁטֶענְדִיג אִיז עֶר גְרַייט אָפְּצוּדִיעֶנֶען.

— אַלְזָא אָפְּגֶעמַאכְט ?

— אָפְּגֶעמַאכְט !

— אָפְּגֶעמַאכְט !

אוּנ מָאנְפֶערְרַאן, דִיוִוילְיַאר אוּנ פָאנְסֶעג הָאבֶּען זִיךְ וַוארֶעם גֶעדְרִיקְט דִי הָאנְד.

וֶוען דֶער מִינִיסְטֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען בֶּעגְלַייטֶען זַיינֶע גֶעסְט הָאט עֶר בֶּעמֶערְקְט אִין אוֹיפְנַאהְם־צִימֶער דֶעם גַייסְטְלִיכֶען פְּרָאמַאן אוּנ אִיהם אַרַיינְגֶערוּפֶען.

אִין דִי צְוֵויי שָׁעָה וָואס פֶּיֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אוּנ גֶעוַוארְט אִין אוֹיפְנַאהְם צִימֶער הָאט עֶר גֶעלִיטֶען דִי גְרֶעסְטֶע יְסוּרִים: בַּיי אִיהם אִיז נִיט גֶעוֶוען קֵיין שוּם סָפֵק אַז דִי פָּאלִיצַיי וַוייס שׁוֹין אַז גִילְיָאם בֶּעהַאלְט זִיךְ בַּיי אִיהם. אוּנ יֶעצְט, וֶוען דֶער מִינִיסְטֶער הָאט אִיהם אַרַיינְגֶערוּפֶען אוּנ גֶעמַאכְט אַ רֶעדֶע נָאר וֶועגֶען נִיקָאלַיי בַּארְטֶעם, אַז דִי רֶעגִירוּנְג ווילל בֶּעסֶער עֶר זָאל עֶנְטְלוֹיפֶען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ אֵיידֶער זִי זָאל מוּזֶען אִיהם אַרַיינְזֶעטְצֶען אִין גֶעפֶּענְגְנִיסס, הָאט פֶּיֶער אָנְגֶעקוּקְט דֶעם מִינִיסְטֶער מִיט גְרוֹיס עֶרְשְׁטוֹיינוּנְג אוּנ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט דִי אֵייגֶענֶע אוֹיעֶרֶען. אִיז עֶס מֶעגְלִיךְ, אַז דִי פָּאלִיצַיי וָואס הָאט עֶנְטְדֶעקְט בַּיי אִיהם בַּארְטֶעסֶעס בֶּעהֶאלְטְנִישׁ, זָאל זִיךְ מַאכֶען גָאר כְּלֹא־יָדַע וֶועגֶען גִילְיָאמֶען ? אָדֶער וַוייסְט זִי וִוירְקְלִיךְ נִיט וָואס בַּיי אִיהר אוּנְטֶער דֶער נָאז טְהוּט זִיךְ ?

— אַלְזָא וָואס פַארְלַאנְגְט אִיהר פוּן מִיר, הֶערר מִינִיסְטֶער ? אִיךְ פַארְשְׁטֵיי נִיט אַזוֹי גוּט.

— דָאס וֶוענְדְט זִיךְ אָן אַייעֶר גוּטֶען שֵׂכֶל, הֶערר גַייסְטְלִיכֶער. אוֹיב אִין צְוֵויי טָאג אַרוּם וֶועט דֶער מֶענְשׁ נָאךְ אַלְץ זִיךְ גֶעפִינְגֶען בַּיי אַייךְ, וֶועלֶען מִיר אִיהם מוּזֶען אַרֶעסְטִירֶען — אוּנ דָאס וָואלְט אוּנְז זֶעהר לֵייד גֶעטְהוּן: מִיר וַוייסֶען אַז אַייעֶר הוֹיז אִיז הֵיילִיג, אַ אָרְט פוּן אַללֶע מַעֲשִׂים טוֹבִים.... גִיט אִיהם דִי עֵצָה אָוֶועקְפָאהרֶען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ. מִיר וֶועלֶען אִיהם לָאזֶען רוּהִיג לוֹיפֶען.

אוּנ דֶער מִינִיסְטֶער הָאט בֶּעגְלַייט פֶּיֶערְן צוּרִיק אִין אוֹיפְנַאהְם־צִימֶער.

---

## IV.

אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג נָאךְ מִיטטָאג הָאט גִילְיָאמֶען אָנְגֶענוּמֶען אַזַא חֵשֶׁק ויסגֶעהְן אוֹיף דֶער פְרַייֶער לוּפְט, אַז פְּיֶער אִיז מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען מַאכֶען מִיט זם אַ לַאנְגֶען שְׁפַּאצִיר־גַאנְג אִין בּוּלָאנֶער וַואלְד, וָואס אִיז נִיט וַוייט פוּן זַיין וֶעל. קוּמֶענְדִיג צוּרִיק פוּן מִינִיסְטֶער הָאט עֶר בַּיים פְרִיהשְׁטִיק עֶרְצֶעהלְט דֶעם וּדֶער, ווִי דִי רֶעגִירוּנְג ווִילל וַוייטֶער פָּטוּר וֶוערֶען פוּן נִיקָאלַיי כַּארְטֶעם. בֵּיידֶען וּט שְׁטַארְק לַייד גֶעטְהוּן אוֹיפְ'ן אַלְטֶען מַאנן; זֵיי הָאבֶּען נִיט גֶעווּאוּסְט ווִי אַזוֹי וָאגֶען דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען דִי שְׁלֶעכְטֶע בְּשׂוֹרָה אַז מֶען טְרַייבְּט אִיהם ווִידֶער וּים, אוּנ סְ'אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען, אָפְּלֶעגֶען דִי זַאךְ אוֹיפְ'ן אָוֶוענְד, אֶפְשַׁר וֶועט גֶעפִינֶען עֶפֶּעס אַ מִיטטֶעל פַּארְצוּקֶערֶען דֶעם בִּיטטֶערֶען פִילֶלֶען. שְׁפַּאצִירֶענְדִיג נט מֶען קָאנֶען אִיבֶּערְרֶעדֶען. בַּיי זֵיי אִיז אוֹיךְ גֶעבְּלִיבֶּען אַז גִילְיָאם בְּרוּיכְט נִיט מֶעהר בֶּעהַאלְטֶען, ווִי בַּאלְד אִיהם שְׁטֶעהְט נִיט פָּאר קֵיין שׁוּם גֶעפַאהר.

דִי בְּרִידֶער זַיינֶען אַריין אִין וַואלְד דוּרְךְ דֶעם סַאבְּלָאן טְהוֹיעֶר, וָואס אִיז אַם הנְסְטֶען צוּ זַייעֶר הויז.

עֶס אִיז גֶעוֶוען עֶנְדֶע מָאנַאט מַארְץ. דֶער וַואלְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען גְרִינן רֶען, אָבֶּער נָאךְ זֶעהר שְׁוַאךְ. דִי צְוַוייגֶען זַיינֶען גֶעוֶוען בֶּעצוֹיגֶען מִיט קְלֵיינֶע ינֶע בְּלֶעטטֶעלִיךְ ווִי מִיט אַ לַייכְטֶען פוּךְ. דֶער רֶעגֶען, וָואס הָאט גֶעגָאסֶען דִי נְצֶע נַאכְט אוּנ דֶעם גַאנְצֶען פְרִיהמָארְגֶען, הָאט יֶעצְט אוֹיפְגֶעהֶערְט, אָבֶּער דֶער מֶעל אִיז נָאךְ אַלְץ גֶעוֶוען אַשׁ־גְרוֹי פַארְוָואלְקֶענְט, אוּנ דָאס גַאנְצֶע בִּילְד הָאט יסגֶעזֶעהן וואוּנְדֶערְלִיךְ פְרִישׁ, קִינְדִישׁ אוּמְשׁוּלְדִיג. פּוּבְּלִיקוּם אִיז הַיינְט, אִין אלְקֶם יוֹם־טוֹב, גֶעוֶוען זֶעהר וֶוענִיג אִין וַואלְד, וַוייל דָאס פָאלְק הָאט גֶעהַאט על צוּ זֶעהן אִין פַּארִיז גוּפָא, וואוּ הַיינְט הָאבֶּען גֶעזָאלְט זַיין שֶׁאנֶע פְּרָאצֶעסְיֶעם. ן דִי אַלֶעֶען הָאט מֶען נָאר בֶּעגֶעגֶענְט רַייטֶער אוּנ עֶקִיפַּאזְשֶׁען; שֶׁאנֶע דַאמֶען נְגֶען אַרוּים פוּן דִי קַארֶעטֶעם מִיט אוֹיסְגֶעפּוּצְטֶע אַמֶען אוּנ זויג־קִינְדֶער אִין נטֶעלִיךְ מִיט שְׁפִּיצֶען. נָאר וואוּ־נִיט־וואוּ אוֹיף אַ בֶּאנְקֶעל הָאט מֶען גֶעקָאנְט זֶעהן יינְפַאכֶע פְרוֹיעֶן זִיצֶען מִיט אַ אַרְבַּייט אִין דֶער הַאנְד אוּנ גֶעבֶּען אַכְטוּנְג ווִי זַייעֶרֶע לַיינֶע קִינְדֶער שְׁפִּיעלֶען.

פְּיֶער מִיט גִילְיָאמֶען זַיינֶען צוּגֶעגַאנְגֶען בִּיז דֶער אַלֶעֶע לָאנְשַׁאן אוּנ פוּן ארְט גֶעגַאנְגֶען מִיט דֶעם מַאדְרִידֶער וֶועג צוּ דִי אָזֶערֶעם. דָארְט הָאבֶּען זֵיי זִיךְ רַיינְגֶעלָאזְט טִיעף צְווִישֶׁען דִי בַּיימֶער אוּנ גֶעגַאנְגֶען גְלַייךְ מִיט'ן לָאנְשַׁאנֶער טַייכֶעל. ן וֶואלְדִיל אִיז גֶעוֶוען אַזַא פְרִיעדְלִיכֶע, זֶעלְטֶענֶע שְׁטִילְקַייט, אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ ט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען אוּנ גֶעזֶעצְט אָפְּרוּהֶען אוֹיף אַ אַיינְגֶעפַאלֶלֶענֶעם בּוֹים. רוּם הָאט מֶען נִיט גֶעהֶערְט דֶעם מִינְדֶסְטֶען שָׁארְךְ, אוּנ זֵיי הָאט גֶעדַאכְט, אַז יי זִיצֶען עֶרְגֶעץ טִיעף אִין אַ ווִילְדֶען וַואלְד, וַוייט פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט.

די בְּרִידֶער הָאבֶּען זְנְגֶעהויבֶּען וַוייטֶער רֶעדֶען וֶועגֶען בַּארְטֶעסֶען . פְּלוּצְלִינְג איז פַאר זַייעֶרֶע אוֹיגֶען דוּרְכְגֶעלָאפֶען אַ וואוּנְדֶערְלִיכֶע עֶרְשַׁיינוּנְג : פוּן די גֶעדִיכְטֶע בּוימֶער איז אַרויסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אַ מֶענְשׁ אוּנ פַארְבַּייגֶעלָאפֶען נֶעבֶּען זַיי . דָאס אִיז זִיכֶער אַ מֶענְשׁ , נָאר אַזוי פַארְבְּלָאטִיגְט , אַזוי שְׁרֶעקְלִיךְ זֶעהט עֶר אויס , אַז מֶען קָאנן גְלויבֶּען דָאס איז אַ חַיָה , אַ ווִילְדֶע טְהִיר וָואס הִינְט יָאגֶען זִי . אַ ווַיילֶע אִיז עֶר שְׁטֶעהן גֶעבְּלִיבֶּען בַּיים טַייכֶעל , נָאכְדֶעם , דֶערְהֶערֶענְדִיג טְרִיטט פוּן פַארְסַאפֶּעטֶע מֶענְשֶׁען , איז עֶר אַרַיין אִין וַואסֶער בִּיזְ'ן גַארְטֶעל , אַרויסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אויפְ'ן צְווַייטֶען בְּרֶעג אוּנ דָארְט פַארְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען הִינְטֶער די טֶענֶנְבּוימֶער . בַּאלְד נָאכְדֶעם זַיינֶען פַארְבַּייגֶעלָאפֶען נֶעבֶּען טַייכֶעל די שׁוֹמְרִים פוּן וַואלְד מִיט עֶטְלִיכֶע פָּאלִיצַיי-אַגֶענְטֶען אוּנ זַיינֶען אויךְ פַארְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען . דָאס הָאט אויסְגֶעזֶעהן ווִי אַ אֶמֶתֶע יַאגְד אויף אַ מֶענְשֶׁען , נָאר אָהן דֶעם טְרוּמֵייטֶערְן פוּן שׁוֹפְרוֹת מִיט הֶארְנֶער .

— גֶעווִיס אַ גַנָב — הָאט פְּיֶער זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען — אוּמְגְלִיקְלִיכֶער !

גִילְיָאם הָאט טְרויעֶרִיג אַ צִיה גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי פְּלֵייצֶעס .

— שְׁטֶאנְדִיג הָאבֶּען זַיי נָאר צוּ טְהוּן מִיט זַאנְדַארֶען אוּנ אָסְטְרָאגֶען . צוּ דֶען הָאבֶּען זַיי נָאךְ בִּיז הַיינְט נִיט גֶעפוּנֶען אַ נְ'אַנְדֶער מִיטֶעל די מֶענְשֶׁען אויסְבֶּעסֶערְן ?

אוּנ דֶער מֶענְשׁ אִיז דֶערְוַוייל גֶעלָאפֶען וַוייטֶער אוּנ וַוייטֶער . די פָארִיגֶע נַאכְט , וֶוען סַאלְוַוא איז עֶנְטְלָאפֶען פַאר די פָּאלִיצַיי-אַגֶענְטֶען אִין בּוּלָאנֶער וַואלְד , איז בַּיי אִיהם גֶעבְּלִיבֶּען אַ פְּלַאן דֶערְגְרֵייכֶען צוּ דֶעם „דָאפִין" טְהויעֶר אוּנ פוּן דָארְט אַרָאפְּלָאזֶען זִיךְ אִין דֶעם פַארְוָואקְסֶענֶעם גְרֶאבֶּען פוּן פֶעסְטוּנְג . עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט , אַז אַמָאל , וֶוען עֶר איז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אָהן אַרְבֵּייט , אִיז עֶר דָארְט פַארְבַּייגֶעגַאנְגֶען אוּנ הָאט נִיט גֶעטְרָאפֶען קֵיין לֶעבֶּעדִיגֶען נֶפֶשׁ . אַהִין אִין סַאלְוַוא פַארְקְרָאכֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערֶער רֶעגֶענְדִיגֶער נַאכְט , אָפְּגֶעזוּכְט עֶפֶּעס אַ גְרוּב פוּל מִיט טְרוּקֶענֶע בְּלֶאטטֶער אוּנ זִיךְ אַיינְגֶעגְרָאבֶּען בִּיז אִיבֶּער די אוֹיעֶרֶען . עֶר אִיז גֶעוֶוען דוּרְכְגֶענֶעצְט בִּיזְ'ן בֵּיין , אויסְגֶעשְׁמִירְט ווִי גְרויס עֶר איז אִין בְּלָאטֶע , קְרִיכֶענְדִיג אויף אַלֶע פִיעֶר אוּנ טַאפֶּענְדִיג די עֶרְד אִין דֶער פִינְסְטֶער . די טְרוּקֶענֶע בְּלֶאטטֶער זַיינֶען אִיהם גֶעוֶוען יֶעצְט אַ אֶמֶתֶע יְשׁוּעָה , אַ מִין קָאלְדְרֶע , אוּנְטֶער וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ אַבִּיסֶעל אויסְגֶעטְרִיקֶענְט אוּנ אויסְגֶערוּהְט נָאךְ זַיין ווִילְדֶען לויפֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער . דֶער רֶעגֶען הָאט נִיט אויפְגֶעהֶערְט גִיסֶען , אָבֶּער יֶעצְט אִיז נָאר זַיין קָאפּ בֶּענֶעצְט גֶעוָוארֶען , עֶר הָאט נִיט גֶעפִיהלְט וָואס מִיט אִיהְם טְהוּט זִיךְ אוּנ איז גֶעשְׁמַאקט אַיינְגֶעשְׁלָאפֶען אִין גוּס-רֶעגֶען . וֶוען עֶר הָאט נָאכְדֶעם גֶעעֶפֶענְט די אויגֶען הָאט שׁוין אָנְגֶעהויבֶּען טָאגֶען , עֶס הָאט גֶעמוּזְט זַיין זַייגֶער זֶעקְס . דֶער רֶעגֶען הָאט פַארְגָאסֶען די גְרוּב מִיט די טְרוּקֶענֶע בְּלֶאטטֶער אוּנ עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען ווִי אִין אַ גֶעדִיכְטֶע וַואננֶע פוּן בְּלָאטִיגֶע וַואסֶער . אָבֶּער עֶר אִיז דָארְט גֶעלֶעגֶען , וַוייל עֶר הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט זִיכֶער פוּן די פָּאלִיצִיַאנְטֶען . דֶער בֶּעסְטֶער יַאגְד-הוּנְד וָואלְט אִיהם דָא נִיט גֶעקָאנְט גֶעפִינֶען . דֶער קֶערְפֶּער אִיז גֶעוֶוען אִין

גאַנְצֶען אַיינְגֶעגְרָאבֶּען, אֲפִילוּ דֶער קָאפּ איז אויך פַאַרְשְׁטֶעלְלְט מִיט דִי צְוַויינֶען. עֶר הָאט זִיךְ קֵיין רִיהְר נִיט גֶעגֶעבֶּען אוּנ בֶּעטְרַאכְט וִוי עֶס טָאגְט.

זַייגֶער אַכְט זַיינֶען פַארְבַּייגֶעגַאנְגֶען דִי שׁוֹמְרִים מִיט פָאלִיצֵיי־אַגֶענְטֶען, גֶעטַאפְּט אִין גְרָאבֶּען, אָבֶּער אִיהם נִיט בֶּעמֶערְקְט. אַזוֹי וִוי עֶר הָאט זִיךְ פְרִיהֶער פָארְגֶעשְׁטֶעלְלְט אִיז טַאקִי גֶעשֶׁעהְן: בַּאלְד פוּן פְרִיהמָארְגֶען הָאט מֶען גֶעמַאכְט אַ אֶבְּלַאוֶועע, צוּ דֶערְגֶעהְן וואוּ עֶר גֶעפִינְט זִיךְ. זַיין הַארְץ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלַאפֶּען וִוי מִיט הַאמֶערֶען; עֶר הָאט גֶעפִיהלְט דֶעם שְׁרֶעק פוּן אַ ווִילְדֶע חַיָה, וֶועלְכֶע דִי יֶאגֶער הָאבֶּען אַרוּמְגֶענוּמֶען פוּן אַלֶלע זַייטֶען... מֶעהר אִיז קֵיינֶער נִיט פַארְבַּיי גֶעגַאנְגֶען. דֶער וַואלְד זֶעהט אוֹיס וִוי טוֹידְט, נָאר פוּן דֶערְוַוייטֶענְס הֶערְט מֶען שְׁוַואכֶע דוּמְפֶּע קְלַאפֶּערַיי: דָאס קְלִינְגֶען פוּן וֶועלָאסִיפֶּעדֶען, דָאס טוּפֶּען פוּן פֶערְד, דָאס קְלַאפֶּען פוּן קַארֶעטֶעס — אַ אָפְּקְלַאנְג פוּן דֶעם גְלִיקְלִיכֶען, יוֹם־טוֹבְדִיגֶען פַּארִיז וָואס גֶענִיסְט דִי פְרִישֶׁע פְרִיהמָארְגֶענְדִיגֶע לוּפְט.

דִי שָׁעָה'ן זַיינֶען גֶעפְלוֹיגֶען — ס'אִיז שׁוֹין נַיין, ס'אִיז שׁוֹין צֶעהְן דֶער זֵייגֶער. צַייט דֶער רֶעגֶען הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט הָאט סַאלְוָוא שׁוֹין נִיט זֶעהר גֶעלִיטֶען פוּן קֶעלְט, אַ דַאנְק דֶער קֶעפֶּע אוּנ דִי וַוארִימֶע פַּאלְטָא וָואס דֶער קְלֵיינֶער מַתִּית הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען. דֶערְפַאר אָבֶּער הָאט אִיהם גֶעפַּיינִיגְט דֶער הוּנְגֶער, עֶר הָאט גֶעפִיהלְט אַ בְּרֶענְנֶען אִין מָאגֶען, אַ קְרַאמְפְּף אִין דִי זַייטֶען, גְלַייךְ וִוי בְּלַייעֶנֶע רֵייפֶען וָואלְטֶען זַיי צוּנוֹיפְגֶעדְרִיקְט. צְוַויי מֵעת־לְעֵת אִיז קֵיין עֶסֶען נִיט גֶעקוּמֶען אִין זַיין מוֹיל אוּנ נָאךְ נֶעכְטֶען אוֹיף דֶער קָאפֵּיינֶע, וואוּ מֶען הָאט אִיהם טְרַאקְטִירְט מִיט בִּיעֶר, אִיז עֶר גֶעוֶוען שְׁרֶעקְלִיךְ הוּנְגֶערִיג. עֶר הָאט גֶעוָואלְט בְּלַייבֶּען אִין גְרוּבּ בִּיז נַאכְט, נָאכְדֶעם אִין דֶער פִינְסְטֶער זִיךְ בֶּעקוּמֶען צוּ בּוּלָאן אוּנ דָארְט אַרוֹיסְקְרִיכֶען פוּן וַואלְד דוּרְךְ אַ לָאךְ. דֶערְוַוייל הָאט עֶר גֶעפְּרוּבְט וַוייטֶער שְׁלָאפֶען, אָבֶּער דָאס אִיז אִיהם גֶעוֶוען אוּנְמֶעגְלִיךְ דוּרְכ'ן שְׁרֶעקְלִיכֶען הוּנְגֶער. עֶלְף אַ זֵייגֶער אִיז אִיהם אַזוֹי נִיט־גוּט גֶעוָוארֶען, אַז עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אָט שְׁטַארְבְּט עֶר שׁוֹין. מִיט אַיין שְׁפְּרוּנְג אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעפְלוֹיגֶען פוּן זַיין בֶּעהֶאלְטֶענִישׁ, וִוי מְשׁוּגָע דוּרְכ'ן הוּנְגֶער. לֶאנְגֶער הָאט עֶר נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסהַאלְטֶען. בַּיי אִיהם אִיז שׁוֹין אַלְסְדִינְג רֶעכְט גֶעוָוארֶען — אֲפִילוּ פַארְלִיעֶרֶען דִי פְרַייהַייט אוּנ דָאס לֶעבֶּען. עֶס הָאט גֶעשְׁלָאגֶען צְוֶועלְף.

אַרוֹיסגֶעהֶענְדִיג פוּן גְרָאבֶּען הָאט עֶר זִיךְ גֶעפוּנְנֶען אוֹיף אַ בְּרֵייטֶען פְרַייעֶן פְּלַאץ. אִין אֵיין אָטְהֶעם אִיז עֶר דוּרְכְגֶעפְלוֹיגֶען דֶעם פְּלַאץ, וִוי אַ מְשׁוּגָענֶער, אוּנ זִיךְ גֶעלָאזְט לוֹיפֶען צוּ בּוּלָאן, זִיכֶער אַז נָאר דָארְט קֶענְן עֶר זִיךְ רַאטֶעוֶוען. וַוי דוּרְךְ אַ וואוּנְדֶער הָאט קֵיינֶער נִיט אַרוּמְגֶעקוּקְט זִיךְ אוֹיף דֶעם מֶענְשֶׁען וָואס פְלִיהט אַזוֹי ווִילְד. עֶרְשְׁט וֶוען עֶר אִיז אַרַיין צְווִישֶׁען דִי בֵּיימֶער הָאט עֶר פַארְשְׁטַאנֶען וִוי נַאֲרִישׁ, וִוי גֶעפֶאהרְלִיךְ ס'אִיז גֶעוֶוען אַרוֹיסְקְרִיכֶען פוּן זַיין בֶּעהֶאלְטְנִישׁ. דָאס גַאנְצֶע לַייבּ הָאט אִיהם גֶעצִיטֶערְט, אוּנ עֶר הָאט אוּמְרוּהִיג גֶעקוּקְט, אוֹיבּ פָאלִיצֵייע יָאגְט אִיהם נִיט. יֶעצְט הָאט עֶר שׁוֹין גֶענוּמֶען גֶעהְן צְווִישֶׁען דִי בֵּיימֶער פָארְזִיכְטִיג,

פאמעליך, קוקען אין אללע זייטען אונ אנשטעללען די אויערען ביים מינדסטען שארך. ער האט גערעכענט דורכלויפען צווישען דער אייבערשטער אזערע אונ די אטיאלסקע רייט-פעלדער; דארט איז אבער נאר איין ברייטע אלעע, ארומגענומען מיט שיטטערע ביימער, אונ ער האט געמוזט אנווענדען די גראסטע געשיקליכקייט, בענוצען יעדען שטאם, יעדען קוסט, זיי זאללען איהם פארשטעללען אונ קיין טריטט ניט געטהון. עהדער ער האט זיך גוט ארומגעזעהן אין אללע זייטען. א פיערטעל שעה איז ער גאר געלעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד הינטער דערנער, ווייל פון דער ווייטענס איז געגאנגען א שומר. פאר יעדער דראשקע, יעדען פוסגעהער האט ער זיך געמוזט בעהאלטען. ערשט מיידענדיג דעם בערגעל מארטעמאר, ווען ער איז אריין אין געדיכטען וועלדיל צווישען דעם בולאנער וועג אונ די סען-קלו אלעע, האט ער פריי אבגעצויגען דעם אטהעם. די קוסטעס זיינען געדיכט; ער בעדארף נור דורכגעהן אין דער גאנצער לאנג, וועט ער שוין זיין ביים ארויסגאנג. ער איז געראטעוועט.

נאר פלוצלינג האט ער דערזעהן עטליכע קלאפטער ווייט פון איהם שטעהט אומבעוועגט א פאליציאנט אונ פערצאמט איהם דעם וועג. ער האט זיך א ווארף געטהון לינקס אונ שיער ניט אנגעשלאגען אן דעם צווייטען פאליציאנט, גלייך יענער ווארט שוין אויף איהם. אונ דארט ווייטער שטעהען נאך אונ נאך היטטער, איינער אפגעטראטטען פונפציג שפאן פון אנדערען, א גאנצע וואך אויסגעצויגען ווי די פעטלעם פון א נעץ... דאס ערגסטע איז וואס ווי עס ווייזט אוים האט מען איהם שוין בעמערקט, איין יענער פייפט צום צווייטען, אונ דאס פייפען הארט זיך איבער'ן גאנצען וואלד נאר אהן א סוף. יעצט העלפט שוין ניט קיין שום חכמה, קיין שום בעהאלטעניש, עס בלייבט נאר דאס לעצטע מיטטעל: ענטלויפען פון די יענער ווי אם געשווינדסטען. ער האט אלזא ווידער גענומען לויפען, אריבערשפרינגען איבער העלצער, גריבער אונ שוין גאר ניט געטראכט טאמיר וועט מען איהם דערזעהן אדער דערהערען. מיט עטליכע שפרונג איז ער אריבערגעלאפען די אלעע סען-קלו אונ זיך אוווארף געגעבען אין וועלדעל צווישען יענער אלעע אונ די אלעע פון דער קאניגין מארגאריטא. דא זיינען די בוימער נאך געדיכטער; דא איז דאס געדיכטסטע ארט פון גאנצען בולאנער וואלד; זוממער איז דא איין גרינער ים אונ זוממער וואלט ער אפשר דא געקאנט ליעגען בעהאלטען, פארדעקט מיט די גרינע צווייגען אונ קיינער וואלט איהם ניט געפינגען. צייטענווייז איז ער געבליבען גאנץ אליין; דאמאלס איז ער שטעהן געבליבען א ווייל אונ זיך אומרוהיג צוגעהערט: מען הערט ניט אונ מען זעהט ניט קיין פאליציי-אגענטען. האבען זיי איהם ווירקליך פארלארען? ס'איז שטילל, רוהיג צווישען די יונגע בלעטטעליך. באלד אבער האבען זיך ווייטער געלאזט הערען לייכטע געשרייען, די צווייגען קנאקען פון מענשליכע טריט, אונ ער לויפט ווייטער, קוקט שוין ניט וואהין — אבי לויפען, דערגרייכענדיג צו דער אלעע פון קאניגין מארגאריטא האט ער זי געפונען פארצאמט,

מִיט פָּאלִיצְיַאנְטֶען אוּנ גֶעמוּזְט לוֹיפֶען וַוייטֶער אִין דֶער לֶאנְג פוּן וֶואלְדֶעל אַרויף־אויבֶּען. אִין זַיין אָרִימֶער, צוּשְׁלָאגֶענֶער קָאפּ אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען דֶער לֶעצְטֶער פְּלַאן: דֶערְגְרֵייכֶען מִיטְ'ן וַואלְד בִּיז דֶעם מַאדְרִידֶער וֶועג אוּנ פוּן דָארְט אַרִיבֶּער־שְׁפְּרִינְגֶען פוּן אֵיין קוֹסְט צוּם צְוֵוייטֶען בִּיז צוּם בְּרֶעג פוּן דֶער טַייךְ סֵיינַא.

עֶר אִיז אַלְץ גֶעלָאפֶען אוּנ גֶעלָאפֶען. קוּמֶענְדִיג צוּ דֶער לָאנְשַׁאנֶער אַלֶעעֶ הָאט עֶר זִי נִיט גֶעקָאנְט דוּרְכְשְׁנַיידֶען, וַוייל זִי אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען פַארְצַאמְט מִיט פָּאלִיצְיַאנְטֶען, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט נֶעהמֶען אָן אַ זַייט, אִין דֶער לֶאנְג פוּן קַאטֶעלַאנֶער לָאנְקֶע. עֶר הָאט גֶעשְׁפִּירְט אַז דִי שׁוֹמְרִים מִיט דִי פָּאלִיצַיי־אַגֶענְטֶען קוּמֶען אַלְץ נֶעהנְטֶער אוּנ מַאכֶען אַרוּם אִיהם אַ עִיגוּל, וָואס וֶוערְט אַלְץ עֶנְגֶער אוּנ עֶנְגֶער. דַאמָאלְס הָאט עֶר גֶענוּמֶען פְלִיהֶען נָאךְ וִוילְדֶער, הַאסְטִיגֶער, דִי צוּנְג אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעקְט: עֶר אִיז גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִיבֶּער וָוארְצְלֶען פוּן בֵּיימֶער, אַרָאבְּגֶעקַייקֶעלְט פוּן בֶּארְגְלִיךְ, דוּרְכְגֶעשְׁנִיטֶען שְׁטֶעכֶעדִיגֶע קוּסְטֶעס, דוּרְכְגֶעבְּרָאכֶען גְרַאטֶעס. דְרַיי מָאל אִיז עֶר גֶעפַאלֶען, פַארְטְשֶׁעפֶּענְדִיג דִי פִּיס אָן דִי דְרָאטֶענֶע אָפְּצוֹימוּנְג וֶועלְכֶע עֶר הָאט נִיט בֶּעמֶערְקְט, בַּאלְד אָבֶּער אִיז עֶר צוּרִיק אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, נִיט גֶעפִיהלְט דָאס פַייעֶרִיגֶע בְּרֶענֶען פוּן דִי קְרָאפִּיוֶוע. דִי וואוּנְדֶען אוֹיפְ'ן לַייבּ פוּן דִי שְׁטֶעכֶעדִיגֶע דֶערְנֶער, אוּנ אִיז וַוייטֶער גֶעלָאפֶען, גְלַייךְ וִוי מֶען טְרַייבְּט אִיהם מִיט אַייזֶערְנֶע שְׁפָּארֶען אוּנ מֶען שְׁמַייסְט בִּיז בְּלוּט מִיט קְנוּטֶעס.

אָט דַאמָאלְס הָאט פְּיֶער מִיט גִילְיָאמֶען אִיהם גֶעזֶעהן וִוי עֶר אִיז פַארְבַּיי גֶעפְלוֹיגֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער, אַ מְשׁוּנֶה'דִיגֶער, אוּנ אַרַיינְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִין דִי בְּלָאטִיגֶע וַואסֶער פוּן טַייכֶעל, וִוי אַ חַיָה וָואס פְּרוּבְּט דֶעם לֶעצְטֶען מִיטֶעל, רַאטֶעוֶוען זִיךְ פוּן דִי יַאגְד־הִינְד. אִיהם הָאט אַ בְּלִיטְץ גֶעגֶעבֶּען אִין קָאפּ אַ פַאנְטַאסְטִישֶׁער גֶעדַאנְקֶען וֶוענֶען אַ אִינְזֶעל אִין מִיטֶען אָזֶערָא: קוֹים וֶועט עֶר נוּר גְרֵייכֶען צוּם אִינְזֶעל אִיז עֶר שׁוֹין גֶעשִׁיצְט. אַהִין וֶועט עֶר צוּשְׁווימֶען, קֵיינֶער וֶועט אִיהם נִיט בֶּעמֶערְקֶען, אוּנ עֶר וֶועט זִיךְ פַארְגְרָאבֶּען דָארְט עֶרְגֶעץ אִין אַ נָארֶע אוּנ לִיעגֶען רוּהִיג, אָהְן גֶעפַאהר. עֶר אִיז אַלְץ גֶעלָאפֶען אוּנ גֶעלָאפֶען: דִי פָּאלִיצְיַאנְטֶען הָאבֶען אִיהם וִוידֶער פַארְצַאמְט דֶעם וֶועג, עֶר הָאט גֶעמוּזְט נָאךְ אַ מָאל זִיךְ אוּמְקֶעהרֶען, לוֹיפֶען אַרוּיף, צוּרִיק צוּ דֶער פֶעסְטוּנְג פוּן וַואנֶען עֶר אִיז אַנְפַאנְגְס עַנְטְלָאפֶען. דֶער זֵייגֶער אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען דְרַיי אוּנ עֶר אִיז אַלְץ גֶעלָאפֶען אוּנ גֶעלָאפֶען, שׁוֹין דְרִיטְהַאלְבֶּען שָׁעָה אָהְן אוֹיפְהֶער.

עֶר אִיז אוּמְגֶערֶעכְט אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוֹיף אַ אַלֶעעֶ פַאר פֶערְד־רַייטֶער אוּנ זִיךְ גֶעלָאזְט צְוַואלָאם אִיבֶּער דֶער אַלֶעעֶ, יֶעדֶע מִינוּט אַרַיינְגֶעקְרָאכֶען מִיט דִי פִּיס אִין דֶער קְלֶעבֶּעדִיגֶער בְּלָאטֶע פוּן דֶער וַוייכֶער עֶרְד דוּרְךְ דִי לֶעצְטֶע רֶעגֶענְס. נָאכְדֶעם הָאט עֶר גֶעטְרָאפֶען אַ שְׁמָאלֶע שָׁאטֶענְדִיגֶע סְטֶעשְׁקֶע, פַארְדֶעקְט וִוי אַ אַלְטַאנֶע, אֵיינֶע פוּן דִי פְּרַאכְטִיגֶע וֶוענֶעלִיךְ וָואס זַיינֶען וִוי עֶקְסְטְרַא גֶעמַאכְט פַאר אַיינְגֶעלִיעבְּטֶע, אוּנ עֶר הָאט גֶעקָאנְט אַ הִיבְּשֶׁע צַייט לוֹיפֶען קֵיינֶער זָאל אִיהם נִיט בֶּעמֶערְקֶען. דִי הָאפְנוּנְג הָאט ווידֶער אַ בְּלִיטְץ גֶעגֶעבֶּען אִין זַיין פִינְסְטֶערֶען קָאפּ,

נאר באלד איז ער ארויסגעשפּרונגען אויף איינער פון די געפאהרליכסטע אלעען, א ברייטע, א גלייכע. איבער איהר זיינען יעצט געפלויגען וועלאָסיפּעדען און קארעטען, ארומגעגאנגען שפּאצירען פיעל מענשען. ער איז צוריק אריינגעלאָפען אין די קוסטעס, ווידער בעגעגענט פּאָליציאנטען און ענדליך נאר פארלאָרען יעדע ריכטונג, געלאָפען אָהן געדאנקען, ווי א גולם וועלכען מען שטויסט פון איין אָרט צום אנדערען, און די יעגער האבען איהם יעדע מינוט אלץ ענגער און ענגער ארומגענומען. ער האט שוין יעצט גאר ניט געדענקט, גאר ניט געפיהלט נאר געוואוסט איין זאך: אז ער ברויכט לויפען — לויפען אָהן אויפהער. אלץ געשווינדער און געשווינדער. פון איין וועג איז ער געשפּרונגען אויפ'ן צווייטען, פון איין לאנקע אויף דער אנדערער. פיעל מאל האבען די יעגער איהם שוין שיער ניט דערגרייכט, ער האט שוין געהערט הינטער זיך זייער סאפּען, איינמאל האט ער שוין זאגאר געפיהלט ווי אימעצענס האנד וויל איהם אנכאפּען. א גאנצע מחנה מענשען האבען זיך געלאָזט לויפען נאך איהם מיט געשרייען און פייפעריען. ער האט נאך א מאל אנגעשטרענגט אלע כחות, זיך ארויסגעריסען, אוועקגעפלויגען נאך ווילדער, זיך געבויגען, געקראָכען, צוריק אויסגעגלייכט און ווידער געבליעבען איינער אליין צווישען יונגע געדיכטע בוימלעך און ווייטער געלאָפען און געיאגט...

נאר דאס איז שוין געוועזען דער סוף. די צוהרגעהטע פיס האבען איהם שוין אפּגעזאגט, פון די אויערען האט גערונען דאס בלוט, אויפ'ן מויל איז ארויס א ווייסער שוים די זייטען האבען געטראָגען פון געשווינדען אטהעמען. און דאס הארץ האט שרעקליך געקלאפּט, גלייך עס וויל צוזעמטצען די ברוסט און ארויסשפּרינגען. ער איז געווען אין גאנצען נאס פון שווייס און וואסער, אויסגעשמירט אין בלאָטע, צובלוטיגט, פארווילדעט, געמוטשעט פון הונגער נאך מעהר ווי פון מיעדקייט. און דורך דעם טומאן וואס האט ביסליכווייז פארצויגען זיינע ווילדע אויגען האט ער פּלוצלינג דערזעהן א אפּפענע טהיר פון עפּעס א שפּייכלער, הינטער א שווארצע הייזעל וואס איז פארדעקט צווישען ביימער. דאָרט איז קיינער ניט געווען, אויסער א גרויסע ווייסע קאץ, וועלכע איז באלד אנטלאָפען. ער איז אריינגעפלויגען הינטער דער טהיר און זיך אוועקגעוואָרפען אויפ'ן שטרוי, צווישען ליידיגע פאססער. קוים האט ער אויסגעפּיעט זיך דאָרט פארגראָבען האט ער דערהערט דאס טופּען פון די נאכיאגער. די פּאָליציאנטען און די וואכטער זיינען געלאָפען ווייטער, פארליערעדיג זיין שליאד; זיי האבען געמיידט דאס שפּייכלער און זיך געלאָזט צו דער פעססטונג. דאס קלאפּען פון די גראָבע שטיפעל איז ביסליכווייז אפּגעשטארבען, עס איז ווידער געוואָרען שטיל. ער האט צוגעדריקט ביידע הענד צום הארצען, צו איינשטיללען זיינע קלאפּ און איז געבליעבען ליעגען ווי טויט ווערענד פון די פארמאכטע אויגען האבען אנגעהויבען רינגען גרויסע טראָפּען טרערען.

נאך א פיערטעל שעה רוה האט פּיער מיט גיליאמען גענומען ווייטער געהן שפּאצירען. עס האט אבער געהויבען רעגנען און זיי האבען געמוזט זיך

שטעללען אונטער די גראבע צווייגען פון א קאשטאן-בוים. דערווייל איז דער רעגען נאך שטארקער געווארען און זיי האבען בעמערקט טיעף אין וועלדיל עפעס א הייזעל, א מין קליינע קאוויארנע — אהין האבען זיי זיך געלאזט געהן. אין דער אלעע ניט ווייט איז געשטאנען א איינזאמע קארעטע מיט א קוטשער וואס זיצט אהן בעוועגונג אונטער דעם ווארימען רעגען. געהענדיג איבער דער אלעע האט פיער מיט וואונדער דערקענט פון הינטען דעם גראף זשעראר דע-קענסאק, ווי ער געהט אויך געשווינד פאר זיי — ווארשיינליך זוכט ער זיך בעהאלטען פון רעגען.

נאכדעם האט פיער געטראכט אז ער האט געוויס א טעות געהאט, ווייל אין זאל פון קאוויארנע האט ער שוין ניט געזעהן דעם גראף. די זאל מיט די עטליכע מארמארנע טישלעך איז געווען לעער. אויבען, אויפ'ן צווייטען שטאק, איז געווען א קארידאר מיט פיער-פינף בעזונדערע קאבינעטען. אין קאוויארנע איז שטיל. דאס הויז — א מין גלאזערנע ווארענדע — האט זיך נאר וואס אויפגעוועקט פונ'ם ווינטערדיגען שלאף, מען האט נאך געפיהלט די פייכטקייט. הינטען איז געווען א פערד-שטאל, א שפייכלער, דירות פאר משרתים, בעוואקסען מיט מאך.

— דאכט זיך אז דאס הויז איז נאך ניט אפען פאר'ן פובליקום — האט גיליאם בעזאגט, אריינגעהענדיג אין דעם אבגעלאזטען הויז.

פיער האט זיך געזעצט ביי א טישעל.

— אלץ וועט מען דאך אונז ערלויבען זיצען דא ביז דער רעגען וועט אויפהערען.

באלד איז אבער געקומען א לאקאי. ער איז געלאפען פון אויבערשטען עטאזש צום בופעט און צוזאמענגעקליבען אין א טעללער פארדארטע געבעקס. ענדליך האט ער דערלאנגט די ברידער צוויי גלאזעליך שארטרעז.

אויבען אין איינעם פון די קאבינעטען איז געזעסען די באראנעסע חוה דיוויליאר, וועלכע איז געקומען אין א געדונגענע קארעטע און שוין באלד א האלבע שעה ווארט זי אויף זשעראר'ן. געסטערן אויפ'ן צדקה-באזאר האבען זיי אפגעשמועסט דא זיך טרעפען. דער דאזיגער קליינער רעסטאראן האט זיי דערמאנט פיעל זיסע זכרונות: פאר צוויי יאהרען, אין דער ערשטער צייט פון זייער ליעבע, פלעגען זיי זיך דא זעהען זעהר אפט, עהדער חוה האט געוואגט געהן צו איהם אין פריוואט-צימער. יעצט איז שוין זייער תאוה אפגעשטארבען און זיי זעהען זיך היינט צום לעצטען מאל! זי פיהלט אז היינט וועט זיין א ענדע פון איהר ליעבע און זי איז טרויעריג, דאס הארץ קלעמט איהר און די אויגען זיינען פול טרעהרען.

זי איז געזעסען ביי א טישעל און אפילו ניט ארונטערגענומען דעם דיקען שלייער פון פנים. געקליידט איז זי אין גאנצען שווארץ — גלייך ווי זי טראגט שוין טרויער-קליידער נאך איהר לעצטער ליעבע. אפילו די האנדשוה זיינען שווארץ. נאר איהרע וואונדערשאנע בלאנדע האר האבען ארויסגעקוקט פון אונטער דעם היטעלע, זעהענדיג איהר שאנע, הויכע און פוללע פיגור מיט דער דינער טאליע און וואונ-

דערלעבען בוזען, איז שווער געווען צו דערקענען אז דאס איז א פונפציגיאהריגע פרוי.

זי האט בעשטעללט צוויי גלאז טהעע אונ ווען דער קעלנער האט זיי געבראכט אויף א טאץ מיט פאזריאהריגע געבעקס איז זי נאך אלץ געזעססען אונבעוועגט. עס איז עקסטרא אהער געקומען פריהער מיט א האלבע שעה, כדי אז ביז דעמאלט געליבטער וועט קומען זאלל זי זיך קאננען בערוהיגען אונ ניט זיין פערצווייפעלט.

פלוצלינג האט זי א ציטטער געגעבען אונ געטרייסעלט ווי אין פיבער. זשעראר איז אריינגעגאנגען.

— ווי מיין טהייערע, איהר זייט שוין דא? איך האב געגלויבט אז כ'וועל מיט צעהן מינוט קומען פריהער פאר אייך!... אונ איהר ווארט שוין אונ זאגט טהעע אויך בעשטעללט?

ער איז געווען אין גרויס פערלעגענהייט אונ געציטטערט פאר דער סצענע וואס צווישען איהם מיט חוה'ן וועט היינט מוזען פארקומען.

זי איז אויפגעשטאנען, ארונטערגענומען דעם שלייער, געקוקט אויף איהם אונ אנגעהייבען רעדען מיט א איבערגעריססענע שטיממע:

— יא, איך האב מיך בעצייטענס בעפרייט פון דער היים... כ'האב מורא געהאט מען זאל מיך ניט פארהאלטען... בין געקומען צופאהרען.

זעהענדיג ווי שאן אונ העפליך ער איז צו איהר, האט זי פארגעססען דאס ווארט וואס זי האט זיך געגעבען זיין רוהיג אונ קאלט, אונ איז איהם מיט גרויס היטץ געפאללען אויפ'ן האלז.

— א זשעראר, א זשעראר... איך לייד אזוי פיעל, כ'קאנן ניט, כ'קאנן ניט... זאג מיר באלד אז דו וועסט מיט איהר ניט חתונה האבען!

די ווערטער האבען איהר פארשטיקט דאס האלז אונ פון איהרע שאנע אויגען איז אויסגעבראכען א שטראם טרערען.

— מיין טאכטער, א גאט!... דו וועסט חתונה האבען מיט מיין טאכטער!.. זי מיט דיר, אין דיינע ארעם, דא אויף דעם זעלבען ארט!... ניין, פאר קיין פאלל! דאס איז צופיעל פיין פאר מיר. כ'וויל ניט, כ'וויל ניט!

א קעלט איז אריבער דורך זיין לייב הערענדיג איהרע אייפערזיכטיגע ווערטער — זי האט פארגעססען אז זי איז א מוטטער אונ איז פראכט געווארען א איינגעליעבטע פרויענצימער, וועלכער עס ס'פארדריסט פאר וואס די קאנקורענטע איז יונג, ס'קרענקט אויף די פינף-אונ-צוואנציג יאהר וואס וועלען שוין קיינמאל ניט צוריקקומען. זעהענדיג אהער איז ביי איהם זעלבסט געבליבען פעסט: איבעררייסען אין גאנצען זיין פערבינדונג מיט איהר. ער וועט זי איינרעדען מיט גוטע, מיט קלוגע ווערטער. ער איז אבער געווען ווייכהארציג, מיט א שוואכען כאראקטער, אונ דאס ערגסטע איז וואס ער האט ניט געקאנט בעשטעהן קעגען ווייבערשע טרערען. ער האט געפרובט זי בערוהיגען, זי אוועקגעזעצט אויף דער סאפע כדי פריי ווערען פון איהר

אומאַרמונג. וועצענדיג זיך געבען איהר האט ער אָנגעהויבען רעדען:

— גענוג, טהייערע, זייט איבערלעגט. מיר זיינען דאך געקומען אַהער רעדען ווי גוטע־פריינד... איך פארזיכער אייך, איהר פארגרעססערט אַלדינג.

— ניין, איך האב שוין קיין כחות ניט, איך מוז תיכף אַלץ וויססען... שווער מיר אַז דו וועסט מיט איהר קיינמאל קיינמאל ניט חתונה האבען!

ער האט ווידער געזוכט אויסמיידען אַ קלאָרע תשובה.

— אומזאנסט פיינגט איהר זיך. איהר ווייסט דאך אַז איך ליעב אייך.

— ניין, ניין! שווער מיר אַז דו וועסט מיט איהר קיינמאל ניט חתונה האבען, קיינמאל!

— אָבער איך ליעב דאך דיך, נאר דיך אַליין!

זי האט איהם ווידער אַרומגענומען מיט גרויס היטץ, צוגעדריקט צו דער ברוסט אונ בעשיטעט מיט קושען זיינע אויגען.

— זאגסטו אמת? דו ליעבסט מיך, נאר מיך אַליין? טא נעהם מיך, האלז אונ קוש, איך זאל דיך פיהלען, דו זאלסט זיין אין גאנצען מיינער, עביג מיינער אונ קיינמאל ניט געהערען יענער, דער צווייטער!

זי האט איהם געצוואונגען ווערען צוגעלאזט אונ האט זיך איהם איבערגעגעבען מיט אַזא היטץ, אַז ער האט איהר קיין זאך ניט געקאנט אפזאגען. ער איז ווי פארשכורט געוואָרען פון איהר פייער. פארליערענדיג יעדע מאכט איבער זיך האט ער איהר יעצט געשוואוירען כל השבועות, געשוואוירען אָהן אַ סוף, אַז נאר זי אַליין ליעבט ער אונ וועט קיינמאל ניט חתונה האבען מיט איהר טאכטער. ער ליעבט יענע ניט, נאר איינפאך ער פיהלט מיטלייד וואס זי איז אַ קראַנקע, אַ אומגליקליכע. זיין גוטסקייט איז אין אַללעמען שולדיג, ער קאנן ניט צוזעהן דעם רחמנות פון דעם אָרימען מיידעל. חוה האט מיט פרייד אונ טריאומף אויסגעהערט זיינע רייד אונ געשלונגען יעדעם וואָרט.

ביידע זיינען געבליעבען זיצען אויף דער סאפע, אָהן ווארטען, מיער, אונ ביידען איז געוואָרען אונבעקוועם.

— אַך — האט זי געזאגט שטילל — איך שווער דיר אַז ניט צוליעב דעם בין איך אַהער געקומען.

ס'איז ווייטער שטילל געוואָרען אונ ביי איהם איז געבליעבען אָנהייבען רעדען פון עטוואס אַנדערש.

— פאר וואס טרינקסט דו ניט די גלאז טהעע? ס'איז שוין קאלט;

זי האט אָבער ניט געהערט, אונ גלייך ווי עם וואלט גאר ניט געשעהן, גלייך ווי ערשט יעצט הויבען זיי זיך אָן צו ערקלערען, האט זי פלוצלינג גענומען ריידען מיט טרויער אונ פערצווייפלונג.

— גלויב מיר, מיין ליעבער זשעראר, דו קאנסט ניט חתונה האבען מיט מיין טאכטער. ערשטענס וועט עס זיין אַ עבירה, פאסקודנע, אונ צווייטענס דיין נאמען,

דַיין שְׁטַאנְד . . . פֶערְצַייהֶע מִיר מַיין אָפְּפֶענְהֶערְצִיגְקֵייט , נָאר דִי גַאנְצֶע וֶועלְט וֶועט
זָאגֶען אַז דוּ פַארְקוֹיפְסְט דִיךְ פַאר גֶעלְט אוּנ דָאס וֶועט זַיין אַ סְקַאנְדַאל , אַ שַׁאנְדֶע
פַאר דַיינֶע קְרוֹבִים אוּנ פַאר אוּנְז .

זִי הָאט אִיהם אָנְגֶעחַאפְּט בַּיי דֶער הַאנְד , אָהן כַּעס , נָאר וִוי אַ מוּטֶטֶער וָואס
ווילל אָפְּרֶעדֶען אִיהר דֶערְוַואקְסֶענֶעם זוּהְן נִיט טְהוּן אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע נַארִישְׁקֵייט , אוּנ
עֶר הָאט גֶעהֶערְט מִיט אַ אַרָאפְּגֶעלָאזְטֶען קָאפּ , מַיידֶענְדִיג אִיהר בְּלִיק .

— בֶּערֶעכֶען וָואס לַייט וֶועלֶען זָאגֶען . אִיךְ וֵויים אַז צְווִישֶׁען אַייעֶר קְלַאסְסֶע
אוּנ אוּנְז אִיז אַ גַאנְצֶער תְּהוֹם . וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם וָואס מִיר זַיינֶען רַייךְ ,
דָאס גֶעלְט מַאכְט דֶעם אָבְּגְרוּנְד נָאךְ טִיעפֶער . אוּנ הֲגַם אִיךְ בִּין אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען
צוּם קְרִיסְטֶענְטְהוּם , אָבֶּער מַיין טָאכְטֶער אִיז אַלְץ גֶעבְּלִיעבֶּען אַ יִידִינֶעם טָאכְטֶער . . .
אַךְ זְשֶׁערַאר , אִיךְ בִּין אַזוֹי שְׁטָאלְץ מִיט דִיר אַז מִיר בְּלוּטִיגְט דָאס הַארְץ בַּיים
גֶעדַאנְקֶען אַז דוּ וֶועסְט דִיךְ עֶרְנִידְרִיגֶען , פַארְפְלֶעקֶען , דוּרךְ גֶעלְט חֲתוּנָה הָאבֶּען
מִיט דֶער קְרַאנְקֶער וָואס אִיז דִיר נִיט וֶוערְטְה אוּנ דוּ קֶענְסְט זִי נִיט לִיעבֶּען !

עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי אוֹיגֶען אוּנ מִיט גֶעבֶּעט גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהר , זִי זָאל
אוֹיפְהֶערֶען אַזוֹי רֶעדֶען .

— אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דָאךְ גֶעשְׁווָארֶען אַז אִיךְ לִיעבּ נָאר דִיךְ אַלֵיין , גֶעשְׁווָארֶען
אַז כְ'וֶועל מִיט אִיהר נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען אוּנ גֶענוּג ! לָאמִיר אוּנְז מֶעהר נִיט מוּטְשֶׁען ;

זַייעֶרֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט . אוּנ אִין זַייעֶר בְּלִיק הָאט זִיךְ אַרוֹיסגֶעוִויזֶען
אַללֶע פַארְבָּארְגֶענֶע יִסוּרִים וֶועלְכֶע זֵיי הָאבֶּען נִיט אַרוֹיסגֶערֶעדְט מִיט וֶוארְטֶער . פוּן
חַוָּה'ס רוֹיטֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען דִי טְרֶערֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען גִיסֶען אִיבֶּער דִי צִיטֶטֶערְנְדֶע בַּאקֶען
אוּנ אִיבֶּערְ'ן גַאנְצֶען פְּנִים וָואס אִיז פְּלוּצְלִינְג אַלְט גֶעוָוארֶען אוּנ בֶּעדֶעקְט מִיט רוֹיטֶע
פְלֶעקֶען . זִי הָאט גֶעוויינְט שְׁטִילל , טְרוֹיעֶרִיג , אָהן אוֹיפְהֶער .

— מַיין אָרִימֶער זְשֶׁערַאר , מַיין אָרִימֶער זְשֶׁערַאר . . . אִיךְ בִּין דָאךְ אַ מַשָׂא אוֹיף
דַיין הַאלְז ! זָאג נִיט נֵיין , אִיךְ פִיהל אַלֵיין זֶעהר גוּט אַז אִיךְ בִּין דִיר אַ שְׁוֶוערֶע
לַאסְט , אִיךְ פַארְדַארְבּ דַיין לֶעבֶּען אוּנ וֶועל סוֹף כָּל סוֹף דִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען אוּב
כְ'וֶועל אַזוֹי שְׁטַארְק זִיךְ אָנְהַאלְטֶען אָן דִיר .

עֶר הָאט גֶעוָואלְט עֶנְטְפֶערְן , אָבֶּער זִי הָאט אִיהם גֶעצְווְאוּנְגֶען שְׁוַוייגֶען .

— נֵיין , הֶער אוֹיף , צְווִישֶׁען אוּנְז אִיז אַלֶסְדִינְג גֶעעֶנְדִיגְט . אִיךְ וֶוער מִאוּס ,
עֶס נֶעהמְט אַ סוֹף . . . אוֹיסֶער דֶעם בִּיסְט דוּ דוּרךְ מִיר גֶעבּוּנְדֶען . אִיךְ קֶאנְן דִיר
מִיט קֵיין זַאךְ נִיט הֶעלְפֶען . דוּ גִיבְּסְט מִיר אַללֶעס אוּנ אִיךְ בִּין נִיט אִים שְׁטַאנְד
דִיר צוּ בֶּעלֹאהנֶען . . . אֶגַב דִיר אִיז שׁוֹין צַייט קוּמֶען עֶפֶּעס צוּ אַ תַּכְלִית , בֶּעדַארְפְסְט
הָאבֶּען אַ אֵייגֶען הוֹיז , וֶוערֶען אַ פַאמִילְיֶאנְט אוּנ פוּן מַיין זַייט וָואלְט גֶעוֶועזֶען זֶעהר
נִיעדֶערְטְרֶעכְטִיג , דִיר שְׁטֶערֶען , אַנְטְשֶׁעפֶּען זִיךְ אָן דִיר אוּנ שְׁלֶעפֶּען צוּם
אָבְּגְרוּנְד .

זִי הָאט וַוייטֶער גֶערֶעדְט , נִיט אַרָאבְּפִיהרֶענְדִיג פוּן אִיהם דִי אוֹיגֶען ,
אָבְּהָאהֶל דוּרךְ דִי טְרֶערֶען הָאט זִי אִיהם קוּים בַּייטְלִיךְ גֶעזֶעהן . וִוי דִי מוּטֶטֶער אַזוֹי

הָאט זִי אויךְ גֶעוואוּסְט וִוי אוּנבֶּעהָאלְפֶען אוּנ שְׁוַואךְ עֶר אִיז אִין גֶעזוּנְד, הֲגַם עֶר זֶעהט אויס פוּן דְרוֹיסֶען אַזוֹי שֶׁאן אוּנ גֶעזוּנְט, אוּנ זִי הָאט אויךְ גֶעמַארְט אַיינְגֶעאָרְדְנֶען אִיהם אַ רוּהִיג לֶעבֶּען אָהן זָארְג, אַ גְלִיקְלִיךְ וִוינְקֶעל, וואוּ עֶר זָאל זַיין גֶעשִׁיצְט פוּן שְׁלֶעכְטֶען שִׁיקְזַאל.

– אַוַדַאי וָואלְט קַאמִילַלַא דִיר גֶעבְּרַאכְט אַלְץ וָואס אִיךְ וִוינְשׁ דִיר, אַלְץ וָואס אִיךְ טְרַאכְט וֶועגֶען דִיר. מִיט אִיהר וָואלְט דַיין לֶעבֶּען גֶעוֶועזֶען פַארְזִיכֶערְט. אוּנ וָואס אַנְבֶּעלַאנְגְט דִי אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען, אָה גָאטט, וִויפִיעל בַּיישְׁפִּיעלֶען הָאבֶּען מִיר! אִיךְ וֶועל נִיט נֶעהמֶען פַארְעֶנְטְפֶערְן אוּנְזֶער עֲבֵירָה, אָבֶּער אִיךְ קֶען דִיר אויסרֶעכְנֶען צְוַואנְצִיג, דְרַייסִיג הַייזֶער וואוּ נָאךְ עֶרְגֶערְם הָאט פַּאסְסִירְט... אוּנ דוּ וֵוייסְט? אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אוּנְגֶערֶעכְט זָאגֶענְדִיג אַז דָאס גֶעלְט מַאכְט נָאךְ טִיעפֶער דֶעם אָבְּגְרוּנְד. אִים גֶעגֶענְטְהֵייל, גֶעלְט אִיז מְקָרֵב, צוּלִיעבּ גֶעלְט אִיז מֶען אַלְסְדִינְג מוֹחֵל – אַללֶע וֶועלֶען דִיךְ מְקַנֵא זַיין, עֶנְטְצִיקְט זַיין פוּן דַיין גְלִיק. אָבֶּער קֵיינֶער וֶועט דִיר קֵיין בֶּאז וָוארְט נִיט זָאגֶען.

זְשֶׁערַאר אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אַ צָארְנְדִיגֶער.

– הֶער אוֹיף! יֶעצְט רֶעדְסְט דוּ מִיר שׁוֹין אַלֵיין צוּ, חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט דַיין טָאכְטֶער.

– אַךְ, גָאט מַיינֶער, אִיךְ רֶעד דִיר נִיט צוּ, נָאר אִיךְ וִויל דוּ זָאלְסְט דִי זַאךְ אִיבֶּערְלֶעגֶען מִיט שֵׂכֶל אוּנ זָאג דִיר אַלְץ וָואס כְּ'בִּין מְחוּיָב צוּ זָאגֶען. בֶּעטְרַאכְט אַלֵיין...

– נִיטָא וָואס צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען, כְּ'הָאבּ דִיךְ גֶעלִיעבְּט אוּנ לִיעבּ דִיךְ יֶעצְט. דָאס אִיבֶּערִיגֶע אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ.

אוֹיף אִיהר גֶעזִיכְט הָאט אַ לַייכְט גֶעגֶעבֶּען אַ הִימְמְלִישֶׁער שְׁמֵייכֶעל. זִי אִיז צוּ אִיהם וִויעדֶער צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנ אַרוּמְגֶענוּמֶען.

– וִוי גוּט אוּנ לִיעבּ דוּ בִּיסְט, זְשֶׁערַאר מַיינֶער! אָה, וֶוען דוּ זָאלְסְט וִויסֶען וִוי אִיךְ לִיעבּ דִיךְ אוּנ וִוי אִיךְ וֶועל דִיךְ אֵייבִּיג לִיעבּ הָאבֶּען. נִיט קוּקֶענְדִיג אוֹיף קֵיין זַאךְ!

אִיהרֶע בֵּיידֶען הָאבֶּען אִיבֶּערְאַנַייעֶס אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֵינֶען, אוּנ זְשֶׁערַאר הָאט זִיךְ אוֹיךְ צְוֵויינְט. בֵּיידֶע זַיינֶען יֶעצְט מִיט אַ אֱמֶת גֶעוֶועזֶען צֶארְטְלִיךְ פַארְבּוּנְדֶען, גֶעוָואלְט אָפְּלֶעגֶען אוֹיף שְׁפֶּעטֶער דֶעם שְׁלֶעכְטֶען אוֹיסְלָאז אוּנ נָאךְ אַלְץ גֶעהָאפְּט אוֹיף גְלִיק. אָבֶּער בֵּיידֶע הָאבֶּען גֶעפִיהלְט אַז דִי חֲתוּנָה מוּז זַיין. מֶען מֶעג וֵויינֶען אוּנ קְרֶעכְצֶען, דָאס לֶעבֶּען גֶעהט זַיין וֶועגְם אוּנ וָואס ס'אִיז בֶּעשֶׁערְט מוּז גֶעשֶׁעהְן.

וֶוען זִי הָאט אִיהם אַרוֹיסְגֶעלָאזְט פוּן אִיהרֶע הֶענְד הָאבֶּען זֵיי עֶרְשְׁט בֶּעמֶערְקְט דָאס טְרוֹיעֶרִיגֶע אוֹיסְזֶעהֶן פוּן דֶעם עֶנְגֶען קַאבִּינֶעט, מִיט דֶער אָבְּגֶעקְרָאכֶענֶער סָאפֶע, מִיט דִיא פִיעֶר שְׁטוּהלֶען אוּנ דֶעם טִישׁ. דֶער קְלֵיינֶער גַאז-אוֹיבֶען הָאט

שְׁרֶעקְלִיךְ אָנְגֶעבְּרֶענְט דוּ לוּפְט, עֶס אִיז שְׁוֶוער גֶעוֶועְן צוּ אָטהֶמֶען אִין דֶער שְׁוֶוערֶער, פַייכְטֶער לוּפְט.

— אַלְזָא — הָאט עֶר ווִיעדֶער גֶעזָאגְט — טְרִינְקְסְט נִיט דֶעם טְהֶעֶע?

זִי אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר'ן שְׁפִּיגֶעל אוּנ צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט דִי הָאר.

— ס'ווִילְט זִיךְ נִיט, דָא אִיז דֶער טְהֶעֶע אַבְּשֵׁיילִיךְ.

דָאס טְרוֹיעֶרִיגֶע אוֹיסזֶעהֶן אַרוּם הָאט גֶעווִירְקְט אוֹיף אִיהר הַארְצֶען אוּנ אָנְגֶעפִּילְט מִיט פִינְסְטֶערֶע זָארְג אוּנ טְרוֹיעֶר יֶעצְט אִין דֶער שָׁעָה וֶוען זֵיי מוּזֶען זִיךְ שֵׁיידֶען, אוּנ זִי הָאט דָאךְ גֶעהָאפְט גֶעפִינֶען דָא אַזָאלְכֶע וואוּנדֶערְלִיכֶע עֶרִינֶערוּנְגֶען! פְּלוּצְלִינְג הָאבֶּען שְׁוֶוערֶע טְרִיטְט, גְרָאבֶּע קוֹלוֹת אוּנ אַ אוּנגֶעוֶואהְנְלִיכֶער לַארְם זִי אוֹיפְגֶעוֶועקְט. אִין קָארִידָאר הָאט מֶען גֶעהֶערְט אַ לוֹיפֶערַיי, אַ קְלַאפֶּעַריי אִין דִי טְהִירֶען אוּנ חַוָה אִיז צוּגֶעלָאפֶּען צוּם פֶענְסְטֶער אוּנ דֶערְזֶעהֶן אַ צֶעפּ פוּן פָּאלִיצִיַאנְטֶען אַרוּם דֶעם רֶעסְטַארָאן. אִין אִיהר קָאפּ זַיינֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען דִי ווִילְדְסְטֶע גֶעדַאנְקֶען — גֶעווִיסס הָאט זִיךְ דִי טָאכְטֶער דֶערְוואוּסְט וואוּ זִי אִיז יֶעצְט... דֶער מַאנְן ווִילל זִי גֶט'ן, חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט סִילְוְוִי אַנַא'ן... מִיט אֵיין וָוארְט, עֶס וַוארְט אוֹיף אִיהר דֶער שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶער סְקַאנְדַאל, אַלְץ אִיז פֶערְלָארֶען! זִי אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען ווִי פֶערְשְׁטֵיינֶערְט, דָאס פָּנִים וַויים ווִי קְרַייד, אוּנ דֶער בְּלַאססֶער, צִיטֶערְנְדֶער זְשֶׁערַאר הָאט זִי גֶעבֶּעטֶען בֶּערוּהִיגֶען זִיךְ אוּנ דִי הוֹיפְּט-זַאךְ: נִיט שְׁרַייעֶן. בַּאלְד הָאט מֶען אָנְגֶעהֵייבֶּען קְלַאפֶּען אִין טְהִיר אוּנ אַז דֶער פָּאלִיצֵיי-קָאמִיסַאר הָאט אָנְגֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען הָאבֶּען זֵיי גֶעמוּזְט אֶפְפֶנֶען. וָואס פַאר אַ מִינוּט, וָואס פַאר אַ שְׁרֶעק, וֶועלְכֶע שַׁאנְדֶע מוּזֶען זֵיי אִיבֶּערְלֶעבֶּען!

אוּנְטֶען הָאט פְּיֶער מִיט גִילְיָאמֶען גֶעוַוארְט אַ גַאנְצֶע שָׁעָה בִּיז דֶער רֶעגֶען וֶועט אוֹיפְהֶערֶען. זֵיי הָאבֶּען שְׁטִיל גֶערֶעדְט צְווִישֶׁען זִיךְ אִין ווִינְקֶעל פוּן דֶער גְלֶאזֶערְנֶער וַוארֶענְדַא, אִיבֶּערְלֶעגְט ווִי אַזוֹי אָנְזָאגֶען בַּארְטֶעסֶען דִי שְׁלֶעכְטֶע נַאכְרִיכְט. עֶנְדְלִיךְ אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיעבֶּען מָארְגֶען צוּ מִיטָאג רוּפֶען טֶעאָפִּיל מָארֶען, וֶועלְכֶער אִיז אַ אַלְטֶער פְרַיינְד פוּנ'ם אֵייבִּיגֶען אַרֶעסְטַאנְט, אוּנ עֶר וֶועט אִיהם פָּארְבֶּערֵייטֶען צוּ דֶער בִּיטֶערֶער בְּשׂוֹרָה.

אִין דֶער מִינוּט הָאבֶּען זִיךְ ווִיעדֶער בֶּעווִיזֶען אַגֶענְטֶען מִיט פָּאלִיצִיַאנְטֶען אוּנ גֶענוּמֶען גֶעהֶן אַרוּם רֶעסְטָארַאן. וַואהְרְשֵׁיינְלִיךְ הָאבֶּען זֵיי זִיךְ אִיבֶּערְצַייגְט אַז זֵיי זַיינֶען פַאלְשׁ גֶעלָאפֶען אוּנ דַארוּם גֶעקוּמֶען צוּרִיק אַהֶער, זִיךְ אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען אַז דֶער עֶנְטְלָאפֶענֶער אִיז גֶעווִיס פַארְשְׁטֶעקְט עֶרְגֶעץ דָא אִין דֶעם שְׁווַייצַארְם הַייזֶעל. זֵיי הָאבֶּען קוּנְצִיג אַרוּמְגֶענוּמֶען דָאס הוֹיז אוּנ גוּט בֶּעוָוארֶענְט, דֶער נֶפֶשׁ זָאל שׁוֹין פוּן דַאנֶען נִיט עֶנְטְלוֹיפֶען. דִי בְּרִידֶער הָאבֶּען דָאס אַלְץ צוּגֶעקוּקְט אוּנ זַיינֶען גֶעוָוארֶען שְׁטַארְק אוּנְרוּהִיג. גֶעווִיס אִיז דָאס אַלְץ דִי פְרִיהֶערִיגֶע אָבְלַאוֶוע; זֵיי הָאבֶּען דָאךְ עֶרְשְׁט אַלֵיין גֶעזֶעהֶן דֶעם מֶענְשֶׁען וָואס אִיז עֶנְטְלָאפֶען פוּן דִי יֶעגֶער, אָבֶּער וֶוער ווֵייס? אֶפְשַׁר וֶועט מֶען זֵיי אוֹיךְ נֶעהמֶען אוֹיף אַ סְלֶיעדְסְטְוָוא קוּים זַיינֶען זֵיי צוּפֶעלִיג אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין נֶעץ? אָהְן ווָארְטֶער הָאבֶּען זֵיי מִיט דִי אוֹיגֶען גֶעפְרֶעגְט

איינער ביים צווייטען אַ עצה — ביי זיי איז שוין רעכט געוואָרען אַוועקגעהן געשווינדער פון דאַנען אין מיטטען רעגען. אָבער נאָכדעם האָבען זיי זיך מיישב געווען אַז דורך דעם קאָנען זיי נאָך מעהר קאָמפּראָמעטירט ווערען ... זיי זיינען אַלזאָ געבליעבען, בפרט אַז אין רעסטאָראַן זיינען אַריינגעקומען צוויי פרישע געסט און ס'איז געוואָרען אַ ביססעל היימליכער.

פאַר'ן טהיר פון רעסטאָראַן איז געבליעבען שטעהן אַ פאַיעטאָן מיט אַ אויפגעשטעלטער בויד, פון דאָרט איז צום ערשטען אויסגעשטיגען אַ געפוצטער יונגערמאַנן מיט אַ טרויעריגע מינע, נאָכדעם איז מיט אַ געלעכטער אַרויסגעשפּרונגען אַ יונגע דאַמע, וועלכע איז, ווי ס'שיינט, זעהר לוסטיג געוועזען דורך דעם גוס־רעגען. זיי האָבען זיך געאַמפּערט, זי האָט אין שפּאַס בעדויערט פאַר וואָס זי איז ניט געקומען אויף אַ וועלאָסיפּעד און ער האָט געטענהט אַז ס'איז אַ משוגעת פאָהרען שפּאַצירען אין אַזאַ וועטער

— נישט קשה, מיין ליעבער. מיר האָבען דאָך געמוזט ערגעץ פאָהרען. פאַר וואס האָט איהר מיך ניט געוואָלט פיהרען זעהען די פּראָצעסיע פון די מאַסקען?

— אַך, די מאַסקען, מיין הארציגע! ניין, שוין בעססער פאַרקריכען אין וואַלד, זיך וואַרפען אין אָבגרונד פון אַזעלכע.

זיי זיינען אַריין אין רעסטאָראַן און פּ ע ר האָט אין דער דאַמע דערקענט די קליינע גראפין ר א ז ע מ א נ ד א און דער יונגען מאַנן, וואס די מאַסקעס זיינען איהם מאָס, דער וואַלד — אַבשייליך און אַ וועלאָסיפּעד פאַסקודנע — איז דער שעזנער חור היאַצינט ד י ו ו י ל י א ר פאָריגע נאַכט, נאָכ'ן טהעע, האָט זי איהם פאַרשלעפּט צו זיך און ביי איהר איז געבליעבען פעסט, בייקומען דעם שונא פון ווייבער. אָבער אַללע איהרע קונצען האָבען גאָר ניט געהאָלפען; ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איהרע לאָסקעס און אָנגעהויבען רעדען פון אַ ליעבע צווישען נשמות', וועלכע ווערען צונויפגעגאָססען אָהן אַ קאָרפּער. זי האָט זיך פון דעם אויך ניט אָפּגעזאָגט, איז מרוצה געוואָרען פּראָבירען, אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? און רעדענדיג איבעראַנייעס וועגען נאָרוועגיען איז ביי זיי געבליעבען: מאָנטאַג אַוועקפאָהרען אין כריסטיאַניאַ, די נאָרוועגישע הויפּט־שטאָדט; דאָס וועט זיין זייער האָכצייטסרייזע, דאָרט וועלען זיך זייערע נשמות פערבינדען. נאָר איין זאַך האָט זיי לייד געטהון: פאַר וואָס יעצט האָט שוין געמיידט דער שטאַרקער ווינטער; פאַר אַזאַ חתונה־פערבינדונג איז נאָר דער קאַלטער, ריינער, אומשולדיגער שניי אַ פּאַססענדער פּלעצער.

קוים האָט דער קעלנער זיי דערלאַנגט צוויי פּראָסטע גלאָזעליך משקה האָט היאַצינט דערקענט פּ ע ר'ן מיט זיין ברודער ג י ל י א ם, דער פּאַטער פון זיינע חברים אין גימנאַזיום. ער האָט אין דער שטילל געזאָגט זיין נאָמען דער פּירשטין, וועלכע איז אויפגעשפּרונגען אַ ענטציקטע.

— גיליאַם פראַמאַן! גיליאַם פראַמאַן! דער בעריהמטער חעמיקער!

און זי איז צוגעגאנגען צו איהם מיט א אויסגעשטרעקטער האנד.

— אך, הערר פראמאן, איהר וועט מיר פערצייהען מיין דרייסטיגקייט, נאר איך מוז דורכאויס אייך דריקען די האנד... איך בין אייער א היימע חסידיסטע! איירע ווערק וועגען צוזעטצונג-מאטעריאלען זיינען א פראכט!

און זי האט זיך צולאכט פרעהליך ווי א קינד דערזעהענדיג דעם חעמיקערס פארוואונדערטע מינע.

— איך בין פירשטין דע-הארן. דער גייסטליכער, אייער ברודער, איז בעקאנט מיט מיר און איך וואלט בעדארפט איהם בעטען, ער זאל מיך בעקענען מיט אייך. איבריגענס מיר האבען מיט אייך בשותפותדיגע גוטע-פריינד, צווישען זיי איינעם א מערקווירדיגען מענשען — יא נ ס ע ן. אט ער וואלט בעדארפט מיך פיהרען צו אייך ווי א בעשיידענע שילערין... איך האב מיך דאך אויך בעשעפטיגט מיט חעמיע. — ניט וואהר, איהר וועט מיר ערלויבען אמאל א קוק געבען ביי אייך? לאזט מיר נאר צוריקקומען פון חריסטיאניא... איהר ווייסט, איך פאהר אהין מיט מיין יונגען פריינד מאכען א לוסט-רייזע...

און זי האט גענומען פלאפלען און קלאפען מיט'ן צינגעל, ניט געלאזט קיינעם א ווארט אויסרעדען. זי האט אויסגעמישט „קאשע מיט בארשט״ — פאעזיע, מאלעריי, חעמיע, אנארכיזם, א. ז. וו.

נאר פלוצלינג האט זי אבגעהאקט איהר פלוידעריי און זיך צולאכט.

— זאגט נאר, איך בעט אייך, וואס נישטערען זיי דא, איט די אגענטען? ווילען זיי ניט אמאל אונז ארעסטירען? אט וואלט געווען א געלעכטער!

ווירקליך, דער פאליציי-קאמיסאר דיפא מיט דעם „חאפער״ מאנדעזיר זיינען ארייך אין ווארענדא, צו בעקוקען דעם רעסטאראן, נאכדעם אז די לייט האבען גוט ארום-געזוכט אין פערדשטאלל און שפייכלער. זיי זיינען געווען זיכער אז דער מענש מוז זיין נאר דא.

מיט א געשיקטען בליק האט דער קאמיסאר בעטראכט די פיער גאסט און באלד זיך געלאזט געהן ארויף אויבען אויפ'ן צווייטען שטאק. דער קעלנער, וואס איז צומישט געווארען פונ'ם פלעצליכען בעפאללען פון דער פאליציי, האט זיך אפגערופען א דערשראקענער:

— אבער דארט אויבען איז א הערר מיט א דאמע, אין א בעזונדער קאבינעט. דיפא האט איהם רוהיג אבגעפארטיגט.

— א הערר מיט א דאמע, ניט דאס זוכען מיר... נו לעבעדיג, עפפענט אללע טהירען, קיין איינציגע שראנק זאלל ניט בלייבען פארמאכט!

אויבען האבען זיי ארומגעזוכט אללע צימערן, אללע ווינקעלעך — ס'איז נאר געבליבען דער קאבינעט אין וועלכען חוה מיט זשעראר'ן זיינען געזעסען. דער קעלנער האט ניט געקאנט אפפנען דעם צימער, ווייל די טהיר איז געווען פאר-ריגעלט פון אינווענדיג.

— אֶפּנ ע ט דָאךְ! — הָאט דֶער קֶעלְנֶער גֶעשְׁרִיֶען דוּרְכ'ן שְׁפַּאלְט פוּן שְׁלָאס — נִיט אַייךְ זוּכְט מֶען!

עֶנְדְלִיךְ הָאט מֶען אָפְּגֶערִיגֶעלְט אוּנ דִיפָּא הָאט אֲפִילוּ קֵיין שְׁמֵייכֶעל נִיט גֶעגֶעבֶּען אַרוּיסלָאזֶענְדִיג אוֹיף דִי טְרֶעפּ אַ דַאמֶע מִיט אַ הֶערר, בְּלַאסֶע, טְרֵייסְלֶענְדִיגֶע, בְּשַׁעַת וֶוען מָאנְדֶעזִיר הָאט גֶעזוּכְט אוּנְטֶער'ן סָאפֶע אוּנ אִין שֶׁענְקֶעל.

אוּנְטֶען וֶוען חַוָה מִיט זְשֶׁערַאר'ן הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט דוּרְכְגֶעהְן אִין דֶער וָוארֶענְדֶע, הָאבֶּען זֵיי גֶעהַאט אַ פְּרִישֶׁע אוּנַאנְגֶענֶעהמְלִיכְקֵייט, דֶערְזֶעהֶענְדִיג דִי נֵייגִיעְרִיגֶע גֶאסְט וָואס בֶּעטְרַאכְטֶען זֵיי — אַללֶע בֶּעקַאנְטֶע מֶענְשֶׁען, וָואס זַיינֶען אַזוֹי אוּמְגֶערֶעכְט אַהֶער גֶעקוּמֶען. אָבְּוָואהל אִיהר גֶעזִיכְט אִיז גֶעוֶוען פַארְדֶעקְט מִיט אַ גֶעדִיכְטֶען שְׁלֵייֶער, דָאךְ הָאט זִיךְ אִיהר בְּלִיק בֶּעגֶעגֶענְט מִיט'ן זוּהְנְס בְּלִיק; זִי הָאט גֶעפִיהלְט אַז עֶר הָאט זִי דֶערְקֶענְט. וָואס פַאר אַ בִּיטֶערֶער צוּפַאלל! עֶר אִיז אַזַא פְלוֹידֶערְזַאק, וֶועט אַלְץ עֶרְצֶעהלֶען דֶער שְׁוֶועסְטֶער וֶועלְכֶע הַאלְט אִיהם אִין דֶער מוֹרָא!... זֵיי זַיינֶען גֶעשְׁווִינְדֶער אַרוּיס דְרוֹיסֶען. דֶער גְרַאף הָאט אַ פֶערְצְוֵוייפֶעלְטֶער זִי בֶּעגְלֵייט צוּ דֶער קַארֶעטֶע אוּנ זֵיי הָאבֶּען דֵייטְלִיךְ גֶעהֶערְט וִוי דִי פִירְשְׁטִין שְׁרַייט פוּן הִינְטֶען:

— דָאס אִיז דָאךְ גְרַאף דֶע־קֶענְסַאק! אוּנ דִי דַאמֶע, זָאגְט, וֶוער קָאנְן זִי זַיין? הַיַאצִינְט אִיז אַ בִּיסֶעל בְּלַאסס גֶעוָוארֶען אוּנ גֶעשְׁווִיגֶען. זִי הָאט אָבֶּער נִיט אָפְּגֶעלָאזְט:

— מַאכְט אַייךְ נִיט תְּמֶעוַאטֶע. אִיהר בֶּעדַארְפְט וִויסֶען וֶוער דִי דַאמֶע אִיז. זָאגְט וֶוער אִיז זִי?

— גָאר נִיט, קֵיינֶער נִיט... הָאט עֶר עֶנְדְלִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט — גְלַאט עֶפֶּעס אַ פְרוֹיֶענְצִימֶער.

פְּיֶער הָאט אַלְסְדִינְג פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ אַוֶועקְגֶעדְרֶעהט דֶעם קָאפּ צוּם בְּרוּדֶער, נִיט קָאנֶענְדִיג צוּקוּקֶען דִי שַׁאנְדֶע מִיט דִי יְסוּרִים. אִין דֶער מִינוּט הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט פוּן הוֹיף גֶעשְׁרֵייֶען, ס'אִיז גֶעוָוארֶען אַ לוֹיפֶערַיי, אַ קָאכֶערַיי. נָאכְדֶעם הָאט זִיךְ גֶעווִיזֶען דֶער נַאטְשַׁאלְנִיק פוּן דֶער גֶעהֵיים־פָּאלִיצֵיי, הַאסְקָאן, וִוי עֶר שְׁטוּיסְט פַאר זִיךְ עֶפֶּעס אַ הוֹיפֶען שְׁמַאטֶעס מִיט בְּלָאטֶע, וֶועלְכֶען צְוֵויי פָּאלִיצִיַאנְטֶען פִיהרֶען אוּנְטֶער דִי הַאנְד. דָאס אִיז טַאקִי גֶעוֶוען דֶער מֶענְשׁ, דִי חַיָה, וֶועלְכֶען זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶעצְט, גֶעיָאגְט אוּנ עֶנְדְלִיךְ גֶעחַאפְּט, גֶעפִינֶענְדִיג אִיהם אִין אַ ווִינְקֶעל פוּן שְׁפַּייכְלֶער, אִין אַ פֶּעסִיל אוּנְטֶער שְׁטְרוֹי.

וָואס פַאר אַ שִׂמְחָה, וָואס פַאר פְרֶעהלִיכֶע גֶעשְׁרֵייֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען נָאךְ דֶער לַאנְגֶער, צְוֵויישְׁטוּנְדִיגֶער יָאגֶערַיי, נָאךְ דֶער פֶערְצְוֵוייפֶעלְטֶער אָבְלַאוֶוע, פוּן וֶועלְכֶער בַּיי אַללֶע הָאבֶּען זִיךְ אַיינְגֶערִיסֶען דִי הֶערְצֶער אוּנ צוּבְּרָאכֶען דִי פִיס! מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַ ווִילְדֶע יַאגְד אוֹיף אַ מֶענְשֶׁען אוּנ יֶעצְט הָאט מֶען דֶעם מֶענְשֶׁען גֶעחַאפְּט אוּנ גֶעשְׁטוּיסֶען, גֶעשְׁלֶעפְּט, אָפְּגֶעשִׁיטְט מִיט קְלֶאפּ. אוּנ דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער הָאט אַזַא רַחֲמָנוּתְדִיג אוֹיסְזֶעהְן, גָאר נִיט אֶהנְלִיךְ צוּ אַ מֶענְשֶׁען: מִיט אַ אוֹיסְגֶעמוּטְשֶׁעט

פְּנִים, אַ צוּבְרָאכֶענֶער, אַ אַיינְגֶעהוּיקֶערְטֶער, נָאךְ דֶער פֶּערְבְּרַאכְטֶער נַאכְט אִין דֶער פַייכְטֶער גְרוּב מִיט אַלְטֶע בְּלֶעטֶער; נַאסס בִּיז אִיבֶּער'ן גַארְטֶעל. זַיין אָרֶעם פַּאלְטָא אִיז אִין גַאנְצֶען צוּרִיסֶען, צוּפְלִיקְט, דִי קֶעפֶּע — אַ שְׁמַאטֶע, דִי הֶאנְד מִיט דִי פִּיס צוּבְלוּטִיגְט פוּנְ'ם לוֹיפֶען צְווִישֶׁען דִי שְׁטֶעכֶעדִיגֶע דֶערְנֶער אִין וַואלְד. דָאס פְּנִים אִיז גָאר נִיט וְוִי פוּן אַ מֶענְשֶׁען, דִי הָאר צוּגֶעקְלֶעבְּט צוּ דִי שְׁלֵייפֶען פוּן שְׁטֶערֶען, דִי בְּלוּטִיגֶע אוֹיגֶען קְרִיכֶען אַרוֹיס פוּן דִי לֶאכֶער, דָאס גַאנְצֶע גֶעזִיכְט אִיז אוֹיסגֶעקְרִימְט, מְשׁוּנֶה, ווִי אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע מַאסְקֶע. דָאס אִיז גֶעוֶוען דִי חַיָה, דֶער מֶענְשׁ וֶועלְכֶען מֶען הָאט נָאכְגֶעיָאגְט. מֶען הָאט אִיהם וַוייטֶער אַ שְׁטוּפּ גֶעגֶעבֶּען אוּנ עֶר אִיז אַנִידֶער-גֶעפַאלֶּען אוֹיף אַ שְׁטוּהל אִין קַאוֶועהוֹיז. דִי גֶעזוּנְטֶע הֶאנְד פוּן דִי פָּאלִיצְיַאנְטֶען הַאלְטֶען אִיהם פֶּעסְט אוּנ גִיבֶּען יֶעדֶעס מָאל אַ פְרִישֶׁען זֶעץ.

גִ י לְ יָ א ם'ן אִיז אַרִיבֶּער אַ פְּרָאסְט דוּרְךְ אַלֶּע גְלִידֶער פוּן גְרוֹיס שְׁרֶעק. עֶר הָאט גֶעחַאפְּט פֶּ יֶ ע ר'ן פַאר'ן הַאנְד אוּנ יֶענֶער אִיז אוֹיךְ פַארְצִיטֶערְט גֶעוָוארֶען. גָאט אִין הִימֶעל! דֶער מֶענְשׁ אִיז נִיט קֵיין אַנְדֶערֶער נוּר סַ א לְ וַ ו א. דֶער זֶעלְבֶּער סַ א לְ וַ ו א אִיז פַאר זַייעֶרֶע אוֹיגֶען גֶעפְלוֹיגֶען אִין וַואלְד וְוִי אַ ווִילְדֶער חֲזִיר וֶועלְכֶען אַ סְטַאדֶע יַאגְד-הִינְד לוֹיפֶען נָאךְ; דֶער זֶעלְבֶּער סַ א לְ וַ ו א שְׁטֶעהט דָא יֶעצְט פַאר זַייעֶרֶע אוֹיגֶען, הֲגַם אִיהם אִיז שְׁוֶוער צוּ דֶערְקֶענֶען, אָבֶּער דָאס אִיז עֶר!

דִי חַאפֶּער זַיינֶען אִיבֶּערְגְלִיקְלִיךְ. זַיי הַאלְטֶען אִיהם פֶּעסְט, אָבְּוָואהְל עֶר הָאט גָאר נִיט בְּדֵעָה צוּ אַנְטְלוֹיפֶען פוּן זַיי. עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען שְׁטִילל, אָהְן וֶוערְטֶער, פְלַאכֶע וְוִי אַ שֶׁעפְּסִיל, אוּנ נָאר גֶעקוּקְט אִין אַלֶּע זַייטֶען מִיט זַיינֶע מִידֶע, טְרוֹיעֶרִיגֶע אוֹיגֶען:

פְּלוּצְלִינְג הָאט עֶר גֶעעֶפֶענְט דָאס מוֹיל אוּנ מִיט אַ שְׁטִילְלֶען, הֵייזֶערִיגֶען קוֹל גֶעזָאגְט:

— כְ'בִּין הוּנְגֶערִיג.

עֶר אִיז אוֹיסגֶעגַאנְגֶען פוּן מִידְקַייט אוּנ הוּנְגֶער. גֶעכְטֶען א'יף דֶער נַאכְט הָאט עֶר מֶעהר נִיט גֶעטְרוּנְקֶען ווִי אַיין גְלָאז בִּיער נָאךְ צְוַוייא טָאג פַאסְטֶען.

— גִיט אִיהם אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט — הָאט דִ י פָּ א גֶעזָאגְט צוּם קֶעלְנֶער פוּן רֶעסְטָארַאן — עֶר וֶועט עֶסֶען, דֶערְוַוייל וֶועט מֶען בְּרֶענְגֶען אַ דָארָאשְׁקֶע.

אַ פָּאלִיצְיַאנְט אִיז גֶעגַאנְגֶען בְּרֶענְגֶען אַ דָארָאשְׁקֶע. דֶער רֶעגֶען הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט, אִין וַואלְד הָאט מֶען ווִידֶער דֶערְהֶערְט דָאס קְלִינְגֶען פוּן וֶועלָאסִיפֶּעדֶען, דָאס קְלַאפֶּען פוּן קַארֶעטֶען, אוּנ דִי אַלֶּעען זַיינֶען פוּל גֶעוָוארֶען מִיט פְרֶעהלִיכֶע שְׁפַּאצִירֶערְגֶעהֶער.

דֶער מֶענְשׁ אִיז בֶּעפַאלֶּען אוֹיפְ'ן שְׁטִיק בְּרוֹיט אוּנ גֶעשְׁלוּנְגֶען ווִי אַ הוּנְגֶערִיגֶע בְּהֵמָה. זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעבְּלָאנְדְזֶעט אִיבֶּער דֶער גַאלֶערִיע פוּן רֶעסְטָארַאן בִּיז זַיי הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דִי פִיער גֶעסְט... הְיַאצִינְט אוּנ רָאזֶעמַאנְדְרָא, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען עֶנְטְצִיקְט וָואס זַיי אִיז גֶערָאטֶען זֶעהֶען ווִי מֶען חַאפְּט אַ גַזְלָן, הָאבֶּען, ווִי עֶס שַׁיינְט, אִיהם גֶערֵייצְט מִיט זֵייעֶר פְרֶעהלִיכֶע נַייגִיעֶרִיגֶע פְּנִימֶער.

פְלוּצְלִינְג הָאט אַ בְּלִישְׁץ גֶעגֶעבֶּען אִין זַיינֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע אוֹיגֶען. עֶר הָאט אַ פֶּערְוואוּנְדֶערְטֶער דֶערְקֶענְנְט גִילְיָאמֶען מִיט פְּיֶער׳ן. זַיין בְּלִיק אִיז מִיט אַ מָאל וֵוייךְ גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט שוֹין מֶעהר דִי אוֹיגֶען נִיט אַרָאפְּגֶענוּמֶען פוּן גִילְיָאמֶען אוּנ אִין זַיי אִיז קֶענְטִיג גֶעוֶוען אַ גֶעטְרַיישַׁאפְט פוּן אַ גֶעטְרַייֶען הוּנְד אוּנ אַ שְׁטוּמֶע הַבְטָחָה אַז עֶר וֶועט שְׁווַייגֶען...

עֶר הָאט בַּאלְד וַוייטֶער גֶעעֶפֶענְט דָאס מוֹיל אוּנ גֶעזָאגְט, גְלַייךְ עֶר ווִיל זִיךְ פַארֶענְטְפֶערְן:

— ס׳אִיז גֶעוֶוען אַ נַארִישְׁקַייט דָאס לוֹיפֶען... אִיךְ וַוייס נִיט פַאר וָואס בִּין אִיךְ גֶעלָאפֶען... בֶּעססֶער לָאז זִיךְ אַלְץ ווִי אַם גֶעשְׁווינְדְסְטֶען עֶנְדִיגֶען, אִיךְ בִּין גְרֵייט...

V.

אוֹיף מָארְגֶען אִין דֶער פְרִיה, לֶעזֶענְדִיג דִי צַייטוּנְגֶען הָאבֶּען גִילְיָאם מִיט פְּיֶער זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט גֶענוּג פַארְוואוּנְדֶערְן וָואס סַאלְוַואס אַרֶעסְט הָאט גָאר נִיט גֶעמַאכְט קֵיין גְרוֹיס לְיַארְם אִין שְׁטָאדְט. צְווִישֶׁען דִי קְלֵיינֶע נַייעֶס הָאבֶּען זַיי קוֹים אָפְּגֶעזוּכְט אַ קוּרְצֶע יְדִיעָה, אַז נֶעכְטֶען הָאט מֶען גֶעמַאכְט אִין בּוּלָאנֶער וַואלְד אַ אָבְּלַאוֶועע אוּנ גֶעכַאפְּט אַ אַנַארְכִיסְט, וָואס הָאט גֶעווִיסס גֶעהַאט עֶפֶּעס אַ חֵלֶק אִין דִי לֶעצְטֶע אַנַארְכִיסְטִישֶׁע מֶערְדֶערַייֶען. דֶערְפַאר אָבֶּער זַיינֶען דִי צַייטוּנְגֶען גֶעוֶוען אִיבֶּערְפוּלְט מִיט דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען סְקַאנְדַאל, ווֶעלְכֶען סַאנְיֶע הָאט גֶעמַאכְט מִיט זַיין נַייעֶר מְסִירָה אִין זַיין שְׁמוּצִיג בְּלַאט „פָאלְקְס שְׁטִימֶע״ וֶועגֶען דִי אַפְרִיקַאנִישֶׁע אַייזֶענְבַּאהנֶען. אִין פַארְלַאמֶענְט וֶועט הַיינְט זַיין אַ גְרוֹיס שְׁטוּרְם מִכֹּחַ דֶעם, אוֹיב דֶער סָאצְיַאלִיסְט מֶעזְשׁ וֶועט הַאלְטֶען וָוארְט אוּנ פָארְלֶעגֶען זַיין פְרַאגֶע וֶועגֶען דֶעם שְׁמוּצִיגֶען עֵסֶק.

נָאךְ נֶעכְטֶען אִיז בַּיי גִילְיָאמֶען גֶעבְּלִיעבֶּען צוּרִיקְקֶעהרֶען אַהֵיים אִין מָאנְמַארְטְר. זַיין רַאנֶע אִיז שוֹין אִין גַאנְצֶען פַארְהֵיילְט. פַאר דֶער פָּאלִיצַיי הָאט עֶר נִיט וָואס מוֹרָא הָאבֶּען, מֶען אִיז אִיהם נִיט חוֹשֵׁד אִין קֵיין זַאךְ. סַאלְוַואן וֶועט גֶעווִיסס אוֹיךְ שְׁווַייגֶען אוּנ אִיהם נִיט אַרוֹיסגֶעבֶּען. דָאךְ פְּיֶער אִיז דַארוּיף בֶּעשְׁטַאנֶען, דֶער בְּרוּדֶער זָאל נָאךְ בְּלַייבֶּען בַּיי אִיהם אַ צְווֵיי־דְרַיי טָאג, ווֶענִיגְסְטֶענְס בִּיז דֶער סְלֶיעדְרָאוַואטֶעל וֶועט סַאלְוַואן צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל אוֹיסְפָארְשְׁטֶען.

— הֶער — הָאט פְּיֶער גֶעזָאגְט — אִיךְ וֶועל גֶעהן אַיינְלַאדֶען מָארֶען צוּ מִיטטָאג. מֶען מוּז הַיינְט אִין אָוֶוענְד אָנְזָאגֶען בַּארְטֶעסֶען אַז עֶר מוּז עֶנְטְלוֹיפֶען פוּן פְרַאנְקְרַייךְ... פוּן מָארֶען וֶועל אִיךְ גֶעהן אִין פַארְלַאמֶענְט, זֶעהן וָואס דָארְט וֶועט פָארְקוּמֶען. דַאמָאלְס וֶועל אִיךְ דִיךְ עֶרְשְׁט אָפְּלָאזֶען אַ הֵיים.

האַלב צוויי איז פּ ֶי ע ר שוין געווען אין בורבאָנער פּאַלאַץ*). פונקט האָט ער דאָרט אין פאָדערהויז בעגעגענט דעם גענעראַל ב ע ז אָ נ ג ֶ ע, וועלכער האָט געהאַט אַ איבעריגען בילעט, אונ ער האָט אַריינגענומען דעם גייסטליכען. ווען ניט דער גענעראַל וואָלט פּ ֶי ע ר געוויסס ניט געקענט זיך בעקומען אין פּאַרלאַמענט, ווייל די ביִלעטען האָט מען נאָך מיט אַ טאָג פריהער צוחאַפּט.

פּ ֶי ע ר מיט'ן גענעראַל איז געראַטען, זיך דערשלאָגען צו דער ערשטער באַנק. דאָרט האָבען זיי שוין געטראָפפען דעם קליינעם מ א ס ס א, וועלכער איז געקומען צו בעשרייבען די היינטיגע זיצונג אין פּאַרלאַמענט. די זאַל אונ די גאַלעריען זיינען געווען פול אָנגעפּאַקט מיט מענשען, הערען אונ דאַמען.

— די דאַמען — האָט מאַססאַ בעמערקט מיט אַ געלעכטער — פאָהרען אַהער ווי אין אַ גאָרטען פון חיות, אין דער האָפפנונג אפשר וועלען די ווילדע חיות אויפפרעססען איינע די אַנדערע... איהר האָט געלעזען די היינטיגע „פאָלקס שטימע"? אַ וואונדערליכער מענש איז דער סאַנ ֶי ע! אַז עס לאָזט זיך אויס דער גאַנצער זאַפּאַס שמוץ, גראַבט ער אַרויס פון אונטער דער ערד פרישע בלאָטע אונ בעפוצט עס מיט זיינע ליגענס, אַבי מאַכען אַ סקאַנדאַל אונ פאַרקויפען ווי אַם מעהרסטען זיין צייטונג... יעדען טאָג דערלאַנגט ער זיינע לעזער אַ פרישע פּאַרציע גיפט, אויפרייצען, אויפהעצען דעם המון, דעם פּעבעל, אונ דאָס פאָלק לויפט אַהער מיט די אויפגערעגטע נערווען, אין דער האָפנונג זעהן דאָ שמוציגע סצענעס.

נאָכדעם האָט מאַססאַ ווידער געפרעגט פּ ֶי ע ר'ן מיט אַ געלעכטער, אויב ער האָט געלעזען אין „גלאָבּ" אַ נ'אַרטיקעל אָהן אונטערשריפט, געשריבען זעהר ערנסט אָבער מיט גיפט, דאָרט פאָדערט דער שרייבער פון מיניסטער-פּרעזידענט באַ ר ר ו, ער זאָל געבען אַ קלאָרע אָפפענע תשובה וועגען די אַפריקאַנישע אייזענבאַהנען, אַזוי ווי דאָס גאַנצע לאַנד ערוואַרט פון איהם. ביז היינט האָט די צייטונג געהאַלטען שטאָל אונ אייזען פאַר באַררו'ן; אין דעם היינטיגען אַרטיקעל דערקענט מען אָבער אַז די אַלטע פריינדשאַפט צום מיניסטער איז איבערגעריסען, מען פיהלט אַ קעלט...

פּ ֶי ע ר האָט געענטפערט אַז דאָס אַרטיקעל האָט איהם שטאַרק געוואונדערט, ווייל ער ווייס ווי ביז יעצט איז פ אַ נ ס ע ג, דער רעדאַקטאָר פון „גלאָבּ", געווען שטאַרק צוגעבונדען אונ בעפריינדעט מיט באַררון, אונ שטענדיג געהאַט די זעלבע אידעען וואָס באַררו.

מאַססאַ האָט ניט אויפגעהערט צו לאַכען.

— געוויס, געוויסס. ווען אונזער פּרינציפּאַל האָט געשריבען דאָס אַרטיקעל האָט איהם געוויסס געבלוטיגט דאָס האַרץ. אָבער ער ווייסט בעססער פאַר אַללע ווי זיך צו האַלטען, כדי צו ראַטעווען זיין אייגענע לאַגע אונ די לאַגע פון זיין צייטונג...

די פּויק האָט אָנגעהויבען קלאַפּען, צום צייכען אַז דער פּרעזידענט פון

*) אין יענעם פּאַלאַץ איז דער פראַנצאָזישער פּאַרלאַמענט.

ארלאמענט מיט דיא שרייבער זיינען אריינגעקומען . דער פרעזידענט האט שטעהענדיג עגעבען א לאנגען קלונג מיט'ן גלעקעל אונ מודיע געווען אז די זיטצונג הייבט זיך ן . דער סעקרעטאר האט פארגעלעזען דעם פראטאקאל , נאכדעם איז ארויף אויף ער בימה דער דעפוטאט מ ע ז ש , פרעגען דער רעגירונג מכח די ארטיקלען פון דער ייטונג „פאלקס שטימע” . אין זאל איז געווארען שטילל ווי אויף א בית-עלמין , אבער ין דער שטיללקייט האט מען געפיהלט די פארבארגענע מלחמה פון תאוות , שרעק ונ אונרוהיגקייט פון די דעפוטאטען .

אנפאנגס האט מ ע ש גערעדט איינגעהאלטען אונ גענוי געשילדערט די גאנצע מעשה . ביסליכווייז אבער האט ער זיך צוהיצט אונ זיין שארפע , שרייענדיגע שטימע אט געהילכט איבער'ן גאנצען הויז . ער האט דערמאנט , אז שוין מיט צוויי מאנאט וריק , ווען ס'זיינען צום ערשטען מאל געדרוקט געווארען די מסירות אין דער „פאלקס טימע” , האט ער זיך געווענדט צו דער רעגירונג מיט א פראגע אדות דער זאך , ונ ווען דאס פארלאמענט וואלט דאמאלס ניט אפגעלייגט זיין פראגע אויף שפעטער , ואלט שוין לאנג געווען א סוף מיט דיא שאנדליכע מסירות , פון וועלכע דאט גאנצע אנד ליידט אזוי פיעל . היינט אבער קען מען שוין ניט לאנגער שווייגען . ביידע יניסטארען , וועלכע ווערען גאנץ אפען בעשולדיגט אין האכבאר-נעהמעני זיינען חויב צו אנטפערן , אויסווייזען זייער אונשולדיגקייט , פערשפרייטען העללע ליכט אויף עם גאנצען ענין ; שוין ניט רעדענדיג דערפון , אז דער גאנצער פארלאמענט קענן ית בלייבען בעלאסטיגט מיט אזא שווערע בעשולדיגונג : פארקויפען פאר געלט דעם אוועסט . נאכדעם האט מ ע ז ש אין קורצען ערצעהלט די געשיכטע , ווי אזוי דער אנקיר ד י וו י ל י א ר האט בעקומען די ערלויבניס בויען די אפריקאנישע אייזענבאהנען ; יוויליאר האט ארויסגעגעבען אקציעס אויף וועלכע דאס פארלאמענט האט מסכים עווען ווייל מען האט די דעפוטאטען מאום איבערגעקויפט , געגעבען שוחד – אויב 'איז אמת וואס די בעשולדיגער זאגען . רעדענדיג וועגען דעם האט מ ע ז ש גענומען קלאפען מיט די קולאקעס אן טיש אונ געפאדערט , אז דער מיניסטער בארו זאל אגען בעשטימט אז ער האט ניט גענומען קיין איינציגען גראשען פון די 200,000 פראנק ואס זיינען פארשריבען אויף זיין נאמען אין דער בער-המטער „רשימה” . פון ערשידענע זייטען האט מען אנגעהויבען שרייען צו מ ע ז ש'ן , ער זאל איבער-עזען די גאנצע רשימה כסדר ; אנדערע וויעדער האבען פראטעסטירט קעגען דעם אונ עזאגט , אז ס'פאסט ניט צו לעזען אין פראנצאזישען פארלאמענט אזא פאסקוויל , אזא מאוסען ליגען אונ רכילות . דער רעדנער האט גענומען זידלען ס א נ י ע ן , אונ פארזיכערט אז ער איז חלילה ניט יד אחת מיט די מוסרים , די געמיינע אינטריגאנטען , אבער ער פערלאנגט דעם ריינעם אמת , לאז יעדער ווערען בעצאהלט נאך זיין פערדיענסט , אונ אויב צווישען זיינע קאלעגען (חברים) געפינען זיך ווירקליך פארקויפטע חאבארניקעס , לאז מען זיי נאך היינטיגען טאג אפשיקען אין פעסטונג .

אין זאל איז געווען א שרעקליכער גערויש , געשרייען , הילכערייען , אז מען האט

ניט געהערט דאס קלינגען פון פרעזידענט, װעלכער האט אומזאנסט געקלונגען מי
אללע כחות עס זאל װערען שטיל. װען דער רעדנער האט געענדיגט זיין ריידע א
אראפגעגאנגען פון דער בימה, האבען איהם פיעלע פון זיינע חברים בעגריסט מי
א גרויסען בראװא.

— איהר װייסט — האט זיך דער קליינער מאססא געװענדעט צום גענעראל
ערשט ניט לאנג האב איך איהם בעגעגענט אין באטאניישען גארטען מיט זיינע דר
קינדער. ער גיט אויף זיי אכטונג װי א אלטע ניאנקע... ער איז א אויסגעצייכענטע
מענש און, דאכט זיך, ער פארבעהאלט מיט אללע מאגליכקייט זיין גרויסען דלות.

פלוצלינג איז אין זאל װיעדער דורכגעפלויגען א ציטטער. דער מיניסטע
באררו איז ארויף אויף דער בימה. ער האט אויסגעגלייכט זיין קערפער און מי
שטאלץ פארריסען דעם קאפ. מיט שאנע װארטער און תנועות פון א ארטיסט האו
ער גענומען אויסגיסען זיין צארן. א גאנץ לעבען האט ער טריי און עהרליך, מי
לייב און לעבען, געדיענט דער רעפובליק, לסוף זאל ער האבען אזא שלעכט
בעלאהנונג!

באררו האט זיך אפפענהערציג אין אלסדינג מודה געװעזען. ער האט טאקי
גענומען די צװייהונדערט טויזענד פראנק, אבער ניט פאר זיך, נאר פאר די
רעפובליקאנישע צייטונגען. די רעפובליק איז הייליג, און אללע מיטלען, אפילו די
ערגסטע, זיינען כשר, אבי ראטעװען די רעפובליק װעלכע איז געװען אין געפאהר.
דיװיליארם געלד האט געפלייצט צו די צייטונגען װאס זענען פיינד פון דער רעפובליק,
װעהרענד די רעפובליקאנישע צייטונגען האבען גאנץ װעניג בעקומען. דאמאלס זיינען
די בלעטטער געשטאנען אונטער זיין שוץ, װייל ער איז דאך דאמאלס געװען מיניסטער
פון אינערליכע זאכען. פון אללע זייטען האט מען צו איהם אויסגעשטרעקט די
האנד בעטטען שטיצונג, צװאנציג גרויסע צייטונגען האבען געפאדערט זייער עהרליכען
חלק, און ער האט טאקי צװישען זיי צוטהיילט די צװייהונדערט טויזענד פראנק. אין
זיין אייגענער טאש איז אפילו קיין איינציגער גראשען ניט געבליבען פון יענעם געלט,
װעט קיינעם ניט ערלויבען צו זיין מסופק אין זיין עהרליכקייט.

דאס פארלאמענט האט אויסגעהערט זיין רעדע מיט אייזקאלטען שװייגעניש אליין, װעלכער האט אנפאנג נאאיװ געגלויבט, אז דאס גאנצע פארלאמענט
װעט נאר ענטציקט װערען פון זיינע װערטער און איהם דאנקען דערפאר װאס ער
האט געראטעװעט די רעפובליק — האט יעצט ביסליכװייז אויך אנגעהויבען פיהלען
די קעלט װאס בלאזט אויף איהם פון אללע זייטען. פלוצלינג האט ער דערפיהלט װי
ער איז שרעקליך איינזאם, פערלאדען, אבגעשטארבען. אראבגעהענדיג פון בימה
האט קיינער ניט געפאטשט מיט די הענד, קיין איין פריינדליך װארט װילל איהם
קיינער ניט שענקען!

— אט איז א אפגעריסענער נארר! װי קענן מען זיך מודה זיין אויף אזאלכע
זאכען? — האט מאססא א מורמעל געגעבען — יעצט איז א סוף מיט איהם און

מיט אַללֶע אִיבּרִיגֶע מִינִיסְטֶארֶען !

אונ וועהרענד אין הויז איז געוועזען אַזאַ אייזיגע קעלט, איז דער אַנדערער מיניסטער מאנפּעררַאן ארויף אויף דער בּימה. ס'איז מיט אַמאָל געוואָרען אַללעמען גרינגער אויפ'ן הארצען ווען מאנפּעררַאן האט גענומען שרייען, קלאַפּען מיט די קולאַקעס אין טיש אונ זיך אין הארצען אונ אָפּגעלייקענט די שולד מיט וועלכע מען בעשולדיגט איהם. ס'איז אַלסדינג ליעגען, כּזב ושקר. ניט נור ער הויבט גאר ניט אָן צו פערשטיין ווי אַזוי קומט מען אַוועקשטעללען געבען זיין נאָמען די סומע פון 80 טויזענד פראנק, נאר ער רופט די גאַנצע וועלט פאר עדות אַז קיינער האט איהם אפילו קיין גראשען ניט געגעבען. זיין כּעס האט געקאָכט, געוועצט ווי פון אַ זידענדיגען קעססעל. ניט ער אונ ניט אַללע איבּריגע דעפּוטאטען אונ קיין פּאַרלאַמענט אין פראנקרייך וועט פאַרקויפען דאס געוויססען פאר געלט. ס'איז גאר אַ משוגעת צו גלויבען אין אַזאַ ווילדע בעשולדיגונג.

אַ גרויס פּאטשעריי מיט די האנד האט געענטפערט אויף זיינע רייד. דאס פּאַרלאַמענט איז צוריק דערוואַרעמט געוואָרען אונ איהם געגעבען אַ הייסען „יישר כּח".

אָבער פון דער קליינער פּארטיע סאָציאַליסטען האט זיך געהערט אַ פייפעריי. זיי האבען געפאָדערט אַז ער, וואס איז דאַמאלס, בשעת די אַקציעס זיינען ארויס, געוועזען מיניסטער פון קהלשע אַרבייטען, זאל ערקלערען גענוי די געשיכטע פון די אַפריקאַנישע אייזענבּאהנען, אונ אַלס יעצטיגער אינגערליכער מיניסטער זאל ער ערקלערען, וואס האט ער בדעה צו טהון, כּדי צו בערוהיגען דאס לאַנד, וועלכע איז אַזוי אומרוהיג דורך די מסירות. מאנפּעררַאן האט זיך געשיקט אויסגערעדערעהט אונ מודיע געוועזען, אַז אויב ס'איז פאַראַן שולדיגע, וועלען זיי זעהר שטרענג בעשטראָפט ווערען לויט פאַרדיענסט. מען בעדאַרף איהם ניט דערמאָנען וואס ער ברויכט צו טהון. ער פאַרגעסט קיינמאָל ניט זיין חוב, ער ערפילט זיין שולדיגקייט, ווי אַ וואכטער אַ טרייער דיענער פון פאָלק. האט מען דען איהם ניט בעשולדיגט, אַז ער בענוצט די פּאָליציי צו געמיינע שפּיאָנעריי אונ דאַדורך איז דעם בעוואוסטען .ינטער (דיוויליאַרס אַגענט) געראָטען צו ענטלויפען פון פראַנקרייך? לאָז־זשע דאס פּאַרלאַמענט יעצט וויסען צו וועלכען ציעל ער בענוצט ווירקליך די פּאָליציי, אויף וועלכע מען שיטט אַזאָלכע בעליידיגונגען, אונ וואס די פּאָליציי האט געטהון פאַר דער גערעכטיגקייט אונ אָרדנונג.. נעכטען האט זי אין בולאָנער וואַלד געכאַפּט אונ אַרעסטירט דעם שרעקליכסטען פון אַללע רשעים, דעם סאַמע מאַבער וואס האט געוואָרפען דיא שרעקליכע באָמבּע אויף נאָרא־דע־מארוא גאַס, דעם אַרבּייטער־מעהאַניקער, אַנאַרכיסט סאַלוואַ, וועלכער האט זיך גאַנצע זעקס וואָכען אַרוים־געדרעהט פון דער פּאָליציים האַנד. אין דעם זעלבען אָבענד האט דער פערברעכער זיך אין אַלכדינג מודה געוועזען אונ גאַנץ געשווינד וועט קאָנגען זיין דער משפּט. מיט איין וואָרט: פּאַריז קען שוין יעצט פרייער אָטהעמען, דער אַנאַרכיזמוס קריעגט יעצט

א טוידט-קלאפ. אמז דאס האט ער, דער מיניסטער, אויפגעטהון פאר דער עהרע און גליק פון פאלק. אין דער וועלכער צייט ווען די שאנדליכע לשון-הרע-טרייבער ווילען פארשמוצען זיין נאמען, אזוי פארפלאנטען איהם אין אבשייליכע רכילות'ן און מסירות דורך ניעדריגע פאליטישע אינטריגעס.

אללע האבען ציטטערענד, מיט אפפענע מיילער אויסגעהערט זיין רעדע. די געשיכטע פון דעם ארעסט, וועלכע איז ווי פון הימעל אראבגעפלויגען און ניט געשטאנען אין קיין פריה-מארגען צייטונג; דער געשענק וועלכען מאנפעראן האט אומגערעכט געבראכט דעם פארלאמענט, האט געמאכט א טיעפען איינדרוק אויף אללעמען; ס'האט אויסגעבראכען א גרויס בראווא פון אללע זייטען און ער האט ערצעהלט ווייטער זיינע גבורות, זיין ענערגיע: די געזעללשאפט איז געראטעוועט, דער פארברעכען איז בעשטראפט, און ער בלייבט אימער א שטארקער מענש, דער אבטונגגעבער פון ארדענונג. זיין יעצטיגער וואונש איז נור, אז אללע פארטייען פון פארלאמענט זאלען זיך פעראייניגען און שטעהן פעסט קעגען דעם אלגעמיינעם פיינד, דעם שרעקליכען סאציאליזמוס, וועלכער וויל אלסדינג חרוב מאכען.

ווען מאנפעראן איז אראפ פון בימה האט דאס גאנצע פארלאמענט איהם מיט גרויס פריינדשאפט געגריסט און געפאטשט בראווא. פון אללע זייטען האט מען אויסגעשטרעקט צו איהם די האנד. ער איז געשטאנען א צופריעדענער, א שמייכלדיגער — ער איז גליקליך ארויסגעשוואומען ... ארויסגעקראכען פון דעם זומפ.

— נו, ווי געפאללט אייך, גענעראל? — האט מאססא געשמייכעלט — אט זיינען אונזערע היינטיגע וועלנער. א מאלאדיין! ... אט דאס הייסט גליקליך אויסגעפלאנטערט, ער האט דאס חיטרע אבגעמאכט!

באלד אבער איז ארויס וויניאן אפווענדען דעם מיניסטער. מיט א רוהיגער, לויטערער שטימע האט ער ארויסגעזאגט אלסדינג וואס דער סאוועסט און דער שכל דיקטירט. געוויס איז ער דער ערשטער וועלכער פרייט זיך מיט דעם ארעסט: דאס לאנד וועט יעצט בערוהיגט ווערען. אבער ער פערשטייט ניט וואס פאר א שייכות דאס האט צו די אפריקאנישע אייזענבאהנען? דאס זיינען צוויי בעזונדערע זאכען און מען מוז דערגעהן דעם אמת: האבען ווירקליך דעפוטאטען גענומען געלד? פון די צוויי בעשולדיגטע מיניסטארען קענן מען גאר ניט האפפען. ס'מוז ווערען א נייער מיניסטעריום. די שולדיגע מוזען באלד בעשטראפט ווערען, ניט מען זאל אוועקזעצען א אונטערזוכונגס-קאמיסיע ...

נאך וויניאנ'ס רעדע איז אויסגעבראכען א גרויסער דיספוט אין פארלאמענט און סוף כל סוף איז דאס מיניסטעריום-אראבגעפאללען. —

— נו — האט געזאגט מאססא, אוועקגעהענדיג צוזאממען מיט'ן גענעראל און פייער'ן — הייסט עס אז יעצט וועט וויניאן ארויפשטייגען און ווערען דער ראש פון נייעם מיניסטעריום. אבער מאנפעראן איז פארט ארויסגעשוואומען בשלום:

איך בִּין אויף וִוינְיָאנְס שְׁטֶעלֶע, וָואלְט אִיךְ מִיךְ נִיט שְׁטַארְק גֶעפְרֵייט...

ווען פְּיֶער אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען אַהֵיים אוּנ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֶעם בְּרוּדֶער דִינְג וָואס סְ'אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אִין פַּארְלַאמֶענְט, אִיז בַּיי גִילְיָאמֶען פֶּעסְט בְּלִיבֶּען, אַז בַּאלְד מָארְגֶען זָאל עֶר זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אַהֵיים אִין מָאנְמַארְטְר. עֶר הָאט יֶעצְט נִיט מֶעהר וָואס צוּ בֶּעהַאלְטֶען.

אִין אָוֶוענְד הָאבֶּען דִי בְּרִידֶער אָנְגֶעזָאגְט דֶעם עֶבִּיגֶען אַרֶעסְטַאנְט נִיקָאלַיי רֶטֶעם, אַז דִי רֶעגִירוּנְג טְרַייבְּט אִיהם אַרוֹיס פוּן פְרַאנְקְרַייךְ. זֵיי הָאבֶּען גֶעמֵיינְט דִי נַאכְרִיכְט וֶועט אִיהם אִיבֶּערְשְׁרֶעקֶען. עֶר הָאט אָבֶּער אוֹיסְגֶעהֶערְט גַאנְץ אִיבֶּערְרַאשְׁט גֶעוָוארֶען אוּנ בַּאלְד אִיז עֶר אָבְּגֶעפָאהְרֶען מִיטַ'ן צוּג וָואס גֶעהט נָאך 10 אַ זֵייגֶער אִין בְּרִיסֶעל. —

# פִּיעֶרְטֶער טְהֵייל.

I.

אִין יֶענֶעם וַוארֶעמֶען פְּרִיהמָארְגֶען אִין מָאנַאט מַארְט, וֶוען פְּיֶער אִיז אַרוֹיס־גֶעגַאנְגֶען פוּן זַיין קְלֵיין הַייזֶעל אִין נֵיילִי, צוּ אָבְּפִיהְרֶען דֶעם בְּרוּדֶער אַהֵיים, אִיז זַיין הַארְץ פוּל גֶעוֶוען מִיט זָארְג אוּנ בֵּיינְגְשַׁאפְט. דֶער בְּרוּדֶער גֶעהט אַוֶועק אוּנ עֶר בְּלַייבְּט ווִידֶער אֵיינְזַאם, עֶס הֵייבְּט זִיךְ ווִידֶער אָן פַאר אִיהם דִי טְרוֹיעֶרִיגֶע לֶעבֶּען אוּנ טֶעג... אַ גַאנְצֶע נַאכְט הָאט עֶר קֵיין אוֹיג נִיט צוּגֶעמַאכְט אוּנ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אַ צוּבְּרָאכֶענֶער, דָאךְ הָאט עֶר זִיךְ גֶעשְׁטַארֶעט פַארְבָּארְגֶען זַיינֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעדַאנְקֶען אוּנ ווַייזֶען דֶעם בְּרוּדֶער אַ שְׁמֵייכֶעלְדִיג פָּנִים.

דִי בְּרִידֶער זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען צוּ פוּסְס אוֹיף מָאנְמַארְטְר. גִילְיָאם אִיז גֶעוֶוען זֶעהר צוּפְרִידֶען וָואס עֶר וֶועט פְּלוּצְלִינְג קוּמֶען צוּ זַיין פַאמִילְיֶע, אוּמְגֶערֶעכְט זֵיי אִיבֶּערְרַאשֶׁען. עֶקְסְטְרַא הָאט עֶר זֵיי נִיט מוֹדִיעַ גֶעוֶוען פְרִיהֶער, אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִין דֶער לֶעצְטֶער צַייט גַאנְץ וֶועניג גֶעשְׁרִיבֶּען אַהֵיים. דִי זִיהְן זַיינֶען נִיט גֶעקוּמֶען בֶּעזוּכֶען דֶעם פָאטֶער, דוּרְךְ פָארְזִיכְטִיגְקֵייט; אֲפִילוּ דָאס פְרַיילַיין, מִיט וֶועלְכֶע עֶר בֶּעדַארְפְט אִין גִיכֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען, אִיז גֶעוֶוען גֶענוּג קְלוּג אוּנ רוּהִיג גֶעוַוארְט עֶר וֶועט אַלֵיין קוּמֶען.

זֵיי זַיינֶען אַרוֹיף אוֹיף דֶעם בַּארְג, וֶועלְכֶען דִי זוּנְן הָאט בֶּעגָאסֶען מִיט אִיהר לִיכְט, אוּנ גִילְיָאם, וָואס הָאט גֶעהַאט אַ שְׁלִיסֶעל פוּן זַיין הוֹיז, הָאט שְׁטִילל גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר אוּנ גֶעגַאנְגֶען בִּיז צוּם מַייסְטֶער־שְׁטוּבּ אִין קְלֵיין גָארְטֶעל. קֵיינֶער אִיז זֵיי נִיט אַנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען.

גילָיאם האט געשמייכעלט אונ צולייגענדיג דעם פינגער צו די ליפּען געזאגט:

— שטעה, ברודער. איך וועל דיר עפּעס ווייזען.

אָהן גערויש האט ער געעפענט די טהיר און ביידע זיינען געבליבען שטעהע אויפ'ן שוועל.

אין מייסטער-שטוב זיינען געווען די דריי יונגע לייט. טאָם איז געשטאנגע ביי זיין קוזיניצע אונ מיט א ענגבויער געמאכט א לאָך אין א שטיקעל מעש. אין צווייטען ווינקעל זיינען געזעסען פראנסוא אונ אנטואן ביי ביידע עקקען פון טיש, איינער איז פארטיעפט אין א בוך אונ דער צווייטער האלט דעם קריצער אונ בראווירט אויף האלץ. אין שטוב איז ליכטיג, רוהיג, פריידליך. די שטראהלען פון דער זונן שפּיעלען פרעהליך אויף די פערשידענע כלים, געוועהרקצייג און מאשינען.

אבוואהל גילָיאם האט אפילו קיין שאַרך ניט געגעבען, דאָך איז ווי א ציטטער דורכגעפלויגען איבער'ן גאנצען הויז. די קינדער האבען דערפיהלט אז דער פאטער איז דא און אללע מיט אמאל האבען אויפגעהויבען דעם קאפ. א פרעהליך געשריי האט זיך ארויסגעכאפּט פון זייער מויל אונ אללע זיינען געלאָפען, איהם פאללען אויפ'ן האלז.

— פאטער!

גילָיאם האט א גליקליכער זיי שטארק ארומגענומען. אבער ס'איז ניט געפאללען קיין איבריגע ווארטער, איבריגע צארטליכקייט אונ פעסטשען זיך, גלייך ווי ער וואלט ערשט פון נעכטען ניט געווען אין דער היים, אבּיסעל לאנגער פארבליבען אין דער גאס וועגען א געשעפט-זאך. מיט א שמייכעל האט ער געקוקט אויף די זיהן און זיי האבען צוריק געענטפערט מיט א שטיללען שמייכעל, ניט אראפּפיהרענדיג פון איהם די אויגען. אין דעם האבען זיי ארויסגעוויזען זייער גאנצע צוגעבונדענהייט אונ זייער איינציגע איבערגעבענהייט צום ליעבען פאטער.

— קום דאך אריין, פּיער, בעגריסס דיך מיט מיינע וואהלע יונגען.

דער גייסטליכער איז אין טרויעריגער פערלעגענהייט געשטאנען אויפ'ן שוועל. אללע דריי פלעמעניקעס זיינען צוגעלאפען אונ איהם היים געדריקט די האנד. נאכדעם איז ער א צומישטער אריינגעגאנגען און לסוף זיך געזעצט אין זייט, ביי'ם פענסטער.

— נו, קינדער, וואו איז די באבוניו, וואו מארי?

די באבוניו איז יעצט אויבען אין איהר צימער אונ דעם יונגען פרייליין האט זיך פארגלוסט געהן אליין אין מארק — דאס איז געווען איינער פון איהרע פערגניגונגען; זי האט פארזיכערט, אז קיינער קענן ניט בעססער פון איהר איינקויפען פרישע אייער אונ פוטער וואס שמעקט ווי פרישע נים. זעהר אָפט פלעגט זי ברענגען מיט זיך עפּעס א נאשעריי-זאך אדער א בלומעל אונ איז ענטציקט געוועזען וואס זי קען אזוי פיהרען די ווירטהשאפט.

— הייסט עס, אלץ איז אין ארדנונג? — האט גילָיאם געפרעגט — איהר זייט

ופריעדען, די ארבייט געהט פארוועריטס ?

יעדען האט ער אויסגעפרעגט אין צוויי ווערטער, ווי א מענש וואס קומט מיט מאל אריין אין זיינע געוואהנליכע געשעפטען. טאם מיט זיין פרעהליכען, מיטהערציגען, ענערגישען געזיכט האט ערצאהלט אין קורצע ווערטער, ווי 'האלט מיט זיין קליינער בעזוועג-מאשינע; פראנסואַ איז נאך אלץ פארנומען מיט די עקזאמענס און מוז נאך אריינשטאפען זיך אין מוח פיעל חכמות; אנטואַן ־אט געוויזען זיין געענדיגטע גראוויור — אויסגעקריצט אויף האלץ זיין קליינע פריינדין יזא, די שוועסטער פון סקולפטאר שאהאן, ווי זי זיצט אין גארטען און לעזט בוך. רעדענדיג האבען זיך אללע דריי וויעדער גענומען צו זייער ארבייט גאנץ ראסט, לויט זייער שטרענגער געוואהנהייט ניט פארליערען די צייט אין לעדיג-געהן.

גיליאם האט א גליקליכער, א צופריעדענער בעטראכט יעדענס ארבייט וואונדער.

— אך קינדערליך, איך האב אויך ניט ווייניג בעקלעהרט און אויפגעטהון עגענדיג אין בעט. כ'האב פיעל פארצייכענט אויפ'ן פאפיר. היינט זיינען מיר געקומען פוס, אבער נאכדעם וועט מען דאס אלץ ברענגען אויף א דראשקע צוזאממען ט די קליידער און וועש וועלכע די באבוניו האט מיר אהין געשיקט... ווי פריעדען בין איך, געפינען דא אלסדינג ווי פריהער און ארבייטען ווייטער צוזאממען ט אייך די אנגעהויבענע ארבייט. א, יעצט וועל איך מיר ערשט רעכט נעהמען צו ער ארבייט.

ניט לאנג טראכטענדיג איז ער שוין געזעססען אויף זיין שטאנדיגען ארט, ביי גלאזערנע שאפען, פאליצעס אנגעשטעללט מיט גלאזווארג און כעמישע כלים. האט געווארפען א אויג אויף אלסדינג און זיך געפרייט וואס אלץ איז אויפ'ן ארט פריהער.

דערווייל איז פון די טרעפ אראבגעקומען די באבוניו, רוהיג, אנשטענדיג, אין ער שטאנדיגע שווארצע קלייד.

— דאס זייט איהר, גיליאם! ביטטע, ערלויבט צו מיר אויף א מינוט.

ער איז מיט איהר אראופגעגאנגען אין איהר צימער. דארט האט זי איהם געגעבען דין וחשבון פון אלץ וואס אין הויז איז פארגעקומען און געוויזען אויפ'ן סטעל נעבען איהר בעט, וואו ס'זיינען געלעגען די פאטראנען מיט דעם נייעם וועער און די צייכנונג פון דעם שרעקליכען צוזייסענדען געוועהר. ער האט זיי פונען אין דער זעלבען ארדנונג ווי פריהער. ווער עס וואלט געוואגט זיך צוריהרען זיי, וואלט געמוזט פריהער זי הרגענען אדער דאס הויז וואלט אויסגעזעצט אין דער טען צוזאממען מיט איהר... זי האט איהם מיט א זעלטענער רוהיגקייט, ווי א ווירקליכע לדין, איבערגעגעבען דאס שליסעלע פון קעסטעל, וועלכען ער האט איהר געשיקט ך פיער'ן אויפ'ן צווייטען טאג נאך דער קאטאסטראפע.

— איך האף אז איהר זייט ניט געוועהן אומרוהיג?

ער האט צארטליך אונ מיט גרויס עהרע איהר געדריקט ביידע הענד.

— כ'בין געוועזען אונרוהיג, אבער נאר אז די פאליציי זאל ניט קומען... איהר זייט א געטרייע היטערין אונ וואלט געענדיגט מיין ארבייט ווען איך זאל פערשוואונדען ווערען פון דער וועלט.

אין דער צייט איז פ י ע ר אלץ געזעססען אונטען, ביים פענסטער, אונ זיך אימער מעהר געפיהלט אונבעקוועם. אמת, אללע אין הויז בעגעהען זיך מיט איהם זעהר פריינדליך. אונ דאך האט איהם דא אלץ אויסגעוויזען פרעמד אונ קאלט. וואס טהוט ער דא, צווישען די ארבייטזאמע מענשען, וועלכע לעבען מיט דעם איינציגען גלויבען — ער, וואס גלויבט אין קיין זאך ניט אונ טויג צו קיין זאך ניט? דאס קוקען אויף די דריי מונטערע בעשעפטיגטע ברידער האט איהם גערייצט, געערגערט, אונ מ א ר י'ס אנקומען האט נאך פארגרעסערט זיין פארלעגענהייט.

זי איז אריינגעקומען, ניט בעמערקענדיג איהם, א פרעהליכע, פול פריש לעבען, מיט א קארב עססענוואארג אין דער האנד. צוזאממען מיט איהר, דאכט זיך איז אריין אין שטוב א ליכטיגער פריהלינגס מארגען — איהר גאנצע פיגור מיט דער שאנער טאליע אונ ברייטע ברוסט, האט געבליהט מיט יוגענד. איהר ראזע פנים'ל מיט דעם קליינעם נאזעל, דעם הויכען קלוגען שטערן אונ די גוטהארציגע פולע ליפפען האבען געלייכט אונטער די שווארצע געדיכטע האר. די קארע אויגען האבען געלאכט, פול געזונד אונ קראפט.

— נו קינדערליך, איך האב אנגעקויפט זעלטענע זאכען! קוקט נאר, כ'האב עקסטרא ניט אויסגעליידיגט מיין קארבעל אין קיך.

זי האט זיי געצוואונגען געהן בעטראכטען וואס אין קארב געפינט זיך.

— ראשית חכמה איז פוטער. שמעקט נאר! א, ווי ס'שמעקט — ווי אמתע ניס! עקסטרא פאר מיר געקלאפט... אונ אט איז אייער, ערשט געבטען געלייגט, פאר דעם בין איך ערב. ס'איז זאגאר פאראן איינס א היינטיגעס... אונ די קאטלעטען, פשוט א אויסנאהם! דער קצב קלייבט אויס פאר מיר סאמע די בעסטע ווען איך קום אליין. ווייטער איז דא שמאנט-קעז, פון ריינעם שמאנט, זעלטען, זאג איך אייך. אונ נאר צום סוף — די רעטטיכליך, א צאצקע!

זי איז געוועזען איבערגליקליך, ווי א אמתע בעל-הביה'טע, וואס קענן זיך גוט אויף יעדען עססענוואארג אונ ווייס וואס צו האנדלען אין מארק. די ברידער האבען געלאכט צוזאממען מיט איהר אונ גענומען זי לויבען.

ערשט יעצט האט זי בעמערקט פ י ע ר'ן.

— אך, הערר גייסטליכער! פערצייהעט, כ'האב אייך ניט בעמערקט... אונ וואס איז מיט ג י ל י א מ ע ן? ווי לעבט ער? איהר האט אונז געבראכט נאכריכטען פון איהם?

— אבער דער פאטער איז שוין צוריקגעקומען אהיים — האט ט א ם געזאגט —

עֶר אִיז דָארְט אוֹיבֶּען, בַּיי דֶער בַּאבּוּנִיוּ.

— גִילְיָאם צוּרִיקְגֶעקוּמֶען! גִילְיָאם צוּרִיקְגֶעקוּמֶען!... וָואס־זְשֶׁע שְׁוַויינְט אִיהר? זֵיי הָאבֶּען מִיר גֶעלָאזְט אוֹיסְלֵיידִיגֶען דִי קָארְב!... אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַ שָׁאנֶער מֶענְשׁ — בְּרִיהם מִיךְ מִיט דֶעם פוּטֶער אוּנ אֵייעֶר אוּנ גִילְיָאם אִיז שׁוֹין אִין דֶער הֵיים!

אִין דֶער מִינוּט אִיז עֶר פוּנְקְט אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶער בַּאבּוּשְׁקֶע. מַארִי אִיז צוּגֶעלָאפֶען צוּ אִיהם, אוּנְטֶערְגֶעשְׁטֶעלְט בֵּיידֶע בַּאקֶען צוּ קוּשֶׁען נָאכְדֶעם אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט בֵּיידֶע הֶענְד אוֹיף זַיינֶע פְּלֵייצֶעס אוּנ לַאנְג אִיהם אָנְגֶעקוּקְט רֶעדֶענְדִיג מִיט אַ צִיטֶערֶענְדֶער שְׁטִימֶע:

— אִיךְ בִּין צוּפְרִיעדֶען, זֶעהר צוּפְרִיעדֶען אַייךְ זֶעהֶן, גִילְיָאם... יֶעצְט קָאנְן אִיךְ מִיךְ מוֹדֶה זַיין — מִיר הָאט גֶעדַאכְט אַז כְ׳הָאבּ אַייךְ פֶערְלָארֶען אוּנ בִּין גֶעוֶועןְ שְׁטַארְק בֶּעאוּנְרוּהִיגְט, זֶעהר אוּנְגְלִיקְלִיךְ.

הֲגַם זִי הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט לַאכֶען, דָאךְ זַיינֶען אִין אִיהרֶע אוֹיגֶען אָנְגֶעלָאפֶען צְוֵויי גְרוֹיסֶע טְרֶערֶען; עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעוָארֶען גֶערִיהט אוּנ קוּשֶׁענְדִיג זִי נָאךְ אַמָאל גֶעשְׁטַאמֶעלְט:

— לִיעבֶּע מַארִי... וִוי גְלִיקְלִיךְ בִּין אִיךְ! כְ׳הָאבּ אַייךְ גֶעפוּנֶען דִי זֶעלְבֶּע גֶעזוּנְטֶע, שֶׁענֶע אוּנ גוּטֶע וִוי פְרִיהֶער.

פְּיֶער הָאט זֵיי בֶּעטְרַאכְט אוּנ בֶּעמֶערְקְט אַז זֵיי זַיינֶען קַאלְט. וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ הָאט עֶר עֶרְוַוארְט מֶעהר טְרֶערֶען, מֶעהר לַיידֶענְשַׁאפְטְלִיכֶע הַאלְדְזֶען אוּנ קוּשֶׁען צְוִוישֶׁען חָתָן־כַּלָּה נָאךְ אַזוֹי לַאנְגֶע צַייט וִוי זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען צוּשֵׁיידְט, סַאמֶע פַאר דֶער חֲתוּנָה. אִיהם אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען נִיט אַנְגֶענֶעהם זֶעהֶען דֶעם אוּנְטֶערְשֵׁייד אִין זַייעֶרֶע יָאהרֶען... דִי הוֹיפְּטְזַאכֶע אָבֶּער אִיז דָאס פְרַיילַיין אַלֵיין אִיהם נִיט גֶעפֶאלֶען גֶעוָארֶען. זִי אִיז צוּפִיעל גֶעזוּנְד, צוּפִיעל רוּהִיג. צַייט זִי אִיז גֶעקוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ מֶעהר גֶעפִיהְלְט אוּנְבֶּעקְוֶועם אוּנ גֶעוָואלְט וִוי אַם גִיכְסְטֶען אַוֶועקְגֶעהֶן פוּן דַאנֶען.

עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ זִיךְ גֶעקְלִיבֶּען אַוֶועקְגֶעהֶן, מִיט אַ תֵּירוּץ אַז עֶר הָאט עֶפֶּעס אַ נֶאטְהִיג גֶעשֶׁעפְט אִין שְׁטָאדְט.

— הַא? וָואס אִיז דָאס? דוּ ווִילְסְט נִיט פְרִיהשְׁטִיקֶען מִיט אוּנְז? — הָאט גִילְיָאם גֶעפְרֶעגְט אַ פֶערְוואוּנְדֶערְטֶער — ס׳אִיז דָאךְ אָבֶּער אָבְּגֶעמַאכְט גֶעוָארֶען, אַז דוּ וֶועסְט דָא בְּלַייבֶּען. טְהוּ מִיר נִיט אָן קֵיין עַגְמַת נֶפֶשׁ... יֶעצְט, בְּרוּדֶער, בִּיסְטוּ דָא וִוי בַּיי זִיךְ אִין דֶער הֵיים.

עֶר הָאט גֶעמוּזְט בְּלַייבֶּען.

בַּיים פְרִיהשְׁטִיק הָאט עֶר מִיט אַללֶע כֹּחוֹת גֶעזוּכְט פְרֶעהלִיכֶער וֶוערֶען, אָבֶּער בַּאלְד אִיז עֶר ווִידֶער גֶעוָוארֶען עֶרְנְסְט אוּנ טְרוֹיעֶרִיג. גִילְיָאם, וֶועלְכֶער הָאט בֶּעמֶערְקְט אִין גָארְטֶען דְרַיי וֶועלִיסָאפֶּעדֶען, הָאט גֶענוּמֶען פַאנַאנְדֶער פְרֶעגֶען מַארִי וואוּ זִי אִיז הַיינְט גֶעפָאהרֶען. פְרַאנְסוּאַ מִיט אַנְטוּאַן הָאבֶּען זִי בֶּעגְלֵייט; אֵיינְס אִיז נוּר שְׁלֶעכְט, וָואס צוּרִיק מוּז מֶען שְׁלֶעפֶּען דֶעם וֶועלָאסִיפֶּעד בַּארְג־אַרוֹיף.

מַ א רִ י הָאט אָבֶער גֶעלַאכְט אוּן פֶערְזִיכֶערְט, אַז דֶערְפוּן שְׁלָאפְט זִי גֶעשְׁמַאק ז שְׁלֶעכְטֶע חֲלוֹמוֹת. לוֹיט אִיהר מֵיינוּנְג בְּרֶענְגְט דָאס פָאהרֶען אוֹיף אַ וֶועלָאסִיפֶּעד פִּי נוּטְצֶען. בֶּעמֶערְקֶענְדִיג ווִי דֶער גֵייסְטְלִיכֶער קוּקְט אוֹיף אִיהר פֶערְוואוּנְדֶערְט, הָאט אִיהם פֶערְשְׁפְּרָאכֶען, אַמָאל עֶרְקְלֶערֶען אִיהר מֵיינוּנְג וֶועגֶען וֶועלָאסִיפֶּעד.

דִי בָּאבֶּע, וֶועלְכֶע אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיבֶען־אָן ווִי אַ קֶאנִיגִין, הָאט זִיךְ אַיינְגֶענוּ צוּ גִ י לְ יָ א מֶ ע ן, אַיינְרוֹימֶען אִיהם עֶפֶּעס אִין אוֹיעֶר. פְּ יֶ ע ר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטוֹיסֶ אַז זַיי רֵיידֶען יֶעצְט וֶועגֶען דֶער חֲתוּנָה. אַנְפַאנְגְס הָאט מֶען זִי אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט א רֹאשׁ חֹדֶשׁ אַפְּרִיל, אָבֶער יֶעצְט מוּז מֶען זִי אָפְּלֶעגֶען. דִי דָאזִיגֶע קְלוּגֶע חֲתוּנָ וָואס בֶּעדַארְף פֶערְשַׁאפֶען גְלִיק דֶער גַאנְצֶער פַאמִילְיֶע, אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער בָּאבֶּ פְּלַאן צוּזַאמֶען מִיט דִי דְרַיי זִיהן; דֶער פָאטֶער וָואלְט קֵיינְמָאל נִיט בֶּעשְׁטַאנֶ נָאכְגֶעגֶעבֶען זַיין הַאַרְץ, וֶוען דִי פַאמִילְיֶע וָואלְט דָאס נִיט גֶעפָאדֶערְט אוּן בֶּעגֶעהְרְ יֶעצְט וַוייזְט זִיךְ אַרוֹיס אַז אַם בֶּעסְטֶען וֶועט זַיין מַאכֶען דִי חֲתוּנָה עֶנְדֶע חֹדֶשׁ יוּנִי

דֶערְהֶערֶענְדִיג וֶועגֶען וָואס מֶען רֶעדְט הָאט מַ א רִ י פְרֶעהלִיךְ אוּמְגֶעדְרֶעה זִיךְ אִין זַייעֶר זַייט.

— נִיט וַאהר, נְשָׁמָה'לֶע, עֶנְדֶע יוּנִי וֶועט זַיין דִי רֶעכְטֶע צַייט? — הָאט בָּאבֶּע זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ אִיהר.

פְּ יֶ ע ר אִיז גֶעוֶועזֶען זִיכֶער אַז דֶעם פְרַיילַיינְס גֶעזִיכְט וֶועט זִיךְ אָנְצִינְדֶען א ווערֶען פוּרְפּוּר־רוֹיט בַּיי דֶער פְרַאגֶע, וַוייל עֶר הָאט בֶּעמֶערְקְט אַז אִיהר פְּרִישׁ בּ זֶעצְט אַרוֹיס אוֹיפְ'ן פָּנִים בַּיי דֶער מִינְדְסְטֶער אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג; זִי אִיז אָבֶער גֶעבְּלִיבֶ גַאנְץ רוּהִיג. זִי אִיז גֶעוֶוען צוּ גִ י לְ יָ א מֶ ע ן טִיעף צוּגֶעבּוּנְדֶען אוּן דַאנְקְבַּאר אָז אַ שִׁיעוּר; אוֹיסֶער דֶעם אִיז זִי גֶעוֶוען זִיכֶער, אַז דָאבֶּענְדִיג חֲתוּנָה מִיט אִיהם וֶועט טְהוּן קְלוּג אוּן גוּט. ס'וֶועט זַיין אַ טוֹבָה פַאר אִיהר אוּן פַאר אַנְדֶערֶע.

— זֶעהר וואהל — הָאט זִי פָּאטַאקֶעוֶועט — עֶנְדֶע יוּנִי וֶועט זַיין גַאנְץ בֶּעקְוֶועם אוֹיפְשְׁמֶעהֶענְדִיג פוּן טִישׁ הָאט פְּ יֶ ע ר דוּרְכְאוֹיס גֶעוָואלְט אַוֶועקְגֶעהְן. פַא וָואס לַיידֶעט עֶר אַזוֹי? פַאר וָואס אִיז אִיהם אַזוֹי שְׁוֶוער אוֹיפְ'ן הַאַרְצֶען דָא צְוִוישֶׁ דֶער גְלִיקְלִיכֶער פַאמִילְיֶע? בֶּעזָאנְדֶערְס הָאט אִיהם צוּרֵייצְט דָאס פְרַיילַיין מִיט אִיה רוּהִיגְקַייט אוּן פְרֶעהלִיכְקַייט. עֶר הָאט זִי נִיט גֶעקֶענְט דֶערלַיידֶען אוּן גֶענוּמֶ זוּכֶען תֵּירוּצִים אַז עֶר מוּז בַּאלְד אַוֶועקְגֶעהן דוּרְךְ נֶאטְהִיגֶע גֶעשֶׁעפְטֶען. עֶר הָא גֶעדְרִיקְט דִי הֶאנְד פוּן דִי יוּנְגֶע לַייט, דִי בָּאבֶּע אוּן מַארִי'ס — בֵּיידֶע זַיינֶען צ אִיהם גֶעוֶוען זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ אוּן זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט וָואס עֶר גֶעהט אַוֶועק אַזו גֶעשְׁוִוינְד. גִ י לְ יָ א ם אִיז גֶעגַאנְגֶען בֶּעגְלֵייטֶען דֶעם בְּרוּדֶער אוּן אִיהם פַארְהַאלְטֶען אִין גָארְטֶעל, כְּדֵי אוֹיסְפְּרֶעגֶען דִי אוּרְזַאכֶע.

— זָאג וָואס אִיז מִיט דִיר? פַאר וָואס עֶנְטְלוֹיפְסְט דוּ?

— כ'פֶערְזִיכֶער דִיר אַז מִיר אִיז גָאר נִישְׁט. אַ נֶאטְהִיג גֶעשְׁאפְט — דָאס אִי אִין גַאנְצֶען.

— וַוארְף אַוֶועק דִי פַאלְשֶׁע תֵּירוּצִים, אִיךְ בֶּעט דִיךְ. דָא, בִּין אִיךְ זִיכֶער,

הָאט דִיךְ קֵיינֶער נִיט בֶּעלֵיידִיגְט, נִיט אוֹיפְגֶערֶעגְט. אַלְלֶע וֶועלְלֶען דִיךְ גַאנְץ גֶעשְׁווִינְד לִיעבּ בֶּעקוּמֶען וִוי אִיךְ.

— אִין דֶעם אִיז בַּיי מִיר קֵיין סָפֵק נִיט. אִיךְ בֶּעקְלָאג מִיךְ חָלִילָה נִיט אוֹיף קֵיינֶעם. אִיךְ בֶּעדַארְף נָאר אוֹיף זִיךְ אַלֵיין אִין כַּעַס זַיין.

גִילְיָאם הָאט אַ אוֹיפְגֶערֶעגְטֶער, אַ פֶערְצְוֵוייפֶעלְטֶער אַ מַאךְ גֶעגֶעבֶּען מִיט דֶער הַאנְד.

— אַךְ, לִיעבֶּער בְּרוּדֶער, דוּ שַׁאפְּסְט מִיר גְרוֹיס עַגְמַת נֶפֶשׁ. אִיךְ זֶעה גַאנְץ גוּט, אַז דוּ בֶּעהַאלְסְט עֶפֶּעס פַאר אוּנְז! בֶּערֶעבֶּען נָאר, אוּנְזֶער בְּרִידֶערְשַׁאפְט אִיז יֶעצְט צוּרִיק בֶּענַייעט גֶעוָוארֶען, מִיר לִיעבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען וִוי אַ מָאל. וֶוען אִיךְ הָאבּ דִיךְ פַארְשְׁלֶאפְּט אִין וִוינֶעלֶע. אִיךְ וֵוייס אַלְסְדִינְג, דַיין צַעַר אוּנ דַיין פַּיין, דוּ הָאסט דָאךְ מִיר אִין אַלֶלֶעם מוֹדֶה גֶעוֶועןְ, אָבֶּער אִיךְ וִויל נִיט דוּ זָאלְסְט לַיידֶען! בְּ'וִויל דִיךְ אוֹיסְהֵיילֶען.

פְּיֶערְם הַארְץ אִיז פַארְקְלֶעמְט גֶעוָוארֶען הֶערֶענְדִיג דִי וֶוארְטֶער, אוּנ טְרֶערֶען זַיינֶען אָנְגֶעלָאפֶען אִין זַיינֶע אוֹיגֶען.

— נֵיין, נֵיין, מִיךְ קָאנְן מֶען נִיט בֶּעפְרַייעֶן פוּן מַיינֶע יְסוּרִים, מֶען קֶען זַיי נִיט אוֹיסְהֵיילֶען. דוּ קָאנְנְסְט פַאר מִיר גָאר נִישְׁט טְהוּן אִיךְ בִּין אוֹיסֶער דֶער נַאטוּר, בְּ'בִּין אַ מִיסְגֶעבּוּרְט, אַ פֶּערְזֶעהֶענֶעשׁ.

— וָואס רֶעדְסְט דוּ? קָאנְנְסְט דֶען נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֶער נַאטוּר אוֹיבּ דוּ בִּיסְט וִוירְקְלִיךְ אוֹיסֶער אִיהר?... דָאס הוֹיפְּט ווִילל אִיךְ נִיט, דוּ זָאלְלְסְט זִיךְ וַוייטֶער פֶערְשְׁפַּארֶען אִין דַיין אֵיינְזַאמֶען הַייזֶעל, וואוּ דוּ קֶעננְסְט וֶוערֶען פֶערְצְוֵוייפֶעלְט פַארְזִינְקֶענְדִיג אִין דַיין גַייסְטִיגֶער פּוּסְטְקַייט. קוּם אַהֶער אֶפְּטֶערְס, אוֹיף אַ גַאנְצֶען טָאג, זַיי מִיט אוּנְז, אֶפְשַׁר וֶועלֶען מִיר דִיר צוּרִיקְגֶעבֶּען חֵשֶׁק צוּ לֶעבֶּען.

— לֶעבֶּען דָא, מִיט אַייךְ? אָ נֵיין, דָאס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ... צוּ וָואס צְווִינְגְסְטוּ מִיךְ, דִיר אַרוֹיסְזָאגֶען מַיין הַארְץ, מוֹדֶה זַיין אוֹיף דֶעם וָואס אִיךְ שֶׁאם מִיךְ אוּנ בֶּעגְרַייף אֲפִילוּ נִיט קְלָאר? אַ גַאנְצֶען פְרִיה-מָארְגֶען הָאסְטוּ אַלֵיין גֶעזֶעהן וִוי אִיךְ הָאבּ מִיךְ דָא גֶעמוּטְשֶׁעט, וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ דַאדוּרְךְ וָואס אִיהר לִיעבְּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אוּנ אִיךְ קֶענְן נִיט לִיעבֶּען אוּנ נִיט גְלוֹיבֶּען... אִיךְ בִּין דָא אִיבְּרִיג, בְּ'פִּיהל מִיךְ גֶעדְרִיקְט. אִיךְ בֶּעלֶאסְטִיג אַייךְ. אִיהר צוּרַייצְט מִיךְ זָאגַאר, כְּ'קָאנְן אַייךְ נָאךְ פַיינְד בֶּעקוּמֶען. זֶעהסְט, אִין מִיר אִיז קֵיין שְׁפּוּר גוּטְס נִיט גֶעבְּלִיעבֶּען, אַלְץ אִיז צוּבְּרָאכֶען, צוּשְׁטֶערְט, אָפְּגֶעשְׁטָארְבֶּען — עֶס לֶעבְּט נָאר קִנְאָה אוּנ שִׂנְאָה... לָאז מִיךְ בֶּעסֶער צוּרִיקְקֶעהְרֶען אִין מַיין פֶערְשָׁאלְטֶען וִוינְקֶעל, וואוּ דֶער תְּהוֹם וֶועט מִיךְ אַיינְשְׁלִינְגֶען. זַיי גֶעזוּנְד, בְּרוּדֶער!

גִילְיָאם הָאט אִיהם אָנְגֶעחַאפְּט בַּיי דִי אַקְסֶעל.

— גֶעה נִיט אַוֶועק, בְּ'וִויל נִיט דוּ זָאלְסְט אַוֶועקְגֶעהן, נִיט גֶעבֶּענְדִיג מִיר דַיין וָוארְט אַז דוּ וֶועסְט צוּרִיקְקוּמֶען. אִיךְ קֶען נִיט צוּם צְוֵוייטֶען מָאל דִיךְ פֶערְלִיערֶען וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶרְקֶענְנְט דַיין וֶוערְטְה אוּנ וֵוייס וִוי דוּ לַיידְסְט... קֶעגֶען דַיין ווִילֶלֶען וֶועל

איך דיך בּאַטעוֶוען; זַיי רוּהִיג, איך וֶועל דִיר נִיט אָנְהוֹיבֶּען זָאגֶען מוּסָר. שְׁטְרָאפֶען אוּנ אָנְבִּינְדֶען אָן דִיר דִי אֱמוּנָה... דָאס לֶעבֶּען אַלֵיין וֶועט אוֹיף דִיר וִוירְקֶען. גֶעבֶּען גֶעזוּנְד אוּנ הָאפְפְנוּנְג;.. איך בֶּעט דִיך, בְּרוּדֶער, אִין נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער צוּזָעמֶענְגֶעהֶעריגְקַייט, קוּם אַהֶער אוֹיף אַ גַאנְצֶען טָאג, דוּ וֶועסְט זֶעהְן, אַז הָאלֶענְדִיג עֶפֶּעס אַ בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג אוּנ אַרְבֵּייטֶען צְוִוישֶׁען אַ פַאמִילְיֶע קֶענְן מֶען נִיט זַיין אוּמְגְלִיקְלִיך אָהְן הָאפְנוּנְג. זוּך דִיר אַ עֵסֶק, סְ׳מֶעג זַיין וֶועלְכֶעס עֶס אִיז, גִיבּ דִיך אִיבֶּער צוּ עֶפֶּעס אַ גְרוֹיסֶען גֶעפִיהל, אוּנ דָאס לֶעבֶּען וֶועט בַּיי דִיר אוֹיסְזֶעהְן שֶׁאֵן אוּנ טְהַייעֶר!

— צוּ וָואס? — הָאט פְּיֶער בִּיטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט — איך הָאבּ מֶעהר נִיט קַיין עֵסֶק אִין דֶער וֶועלְט אוּנ קָאנְן שׁוֹין נִיט לִיעבֶּען.

— גוּט! איך וֶועל דִיר גֶעבֶּען אַרְבֵּייט; אוּנ קוּים וֶועט נוּר צוּרִיק זִיך בֶּעוַוייזֶען דִי לִיעבֶּע, בַּיי דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶעלֶעגֶענְהַייט. וֶועסְטוּ אוֹיסְגֶעהַיילְט וֶוערֶען. זַייער מְרוּצָה, בְּרוּדֶער, וֶוער מְרוּצָה! איך פֶערְלַאנְג עֶס דוּרְכְאוֹיס. איך וֶועל נִיט קֶענֶען אוֹיסְהַאלְטֶען דֶעם גֶעדַאנְקֶען אַז דוּ פַּיינִיגְסְט דִיך אִין דַיין נָארֶע וִוי אַ גֶעראַנֶעטֶע חַיָה... איך וִויל אוֹיסְהֵיילֶען, רַאטֶעוֶוען דִיך!

פְּיֶערְ׳ס אוֹיגֶען זַיינֶען ווִיעדֶער אָנְגֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען מִיט טְרֶערֶען אוּנ עֶר הָאט גֶעזָאגְט מִיט שְׁמֶערְצֶען:

— צְוִוינְג מִיךְ נִיט אִיךְ זָאל דִיר פַארְשְׁפְּרֶעכֶען... כְ׳וֶועל פְּרוּבִּירֶען מִיךְ אִיבֶּערְבְּרֶעכֶען.

אוּנ וָואס פַאר אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע וָואך הָאט עֶר פֶערְבְּרַאכְט נָאכְדֶעם אִין זַיין פִינְסְטֶערְן, פוּסְטֶען הַייזֶעל! גַאנְצֶע זִיעבֶּען טָאג אִיז עֶר גֶעלֶעגֶען אִין אִיהם פַארְשְׁטֶעקְט. נָאךְ קֵיינְמָאל אִיז אִיהם נִיט גֶעוֶוען אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ, לֶאסְטִיג דִי אַיינְזַאמְקַייט ווִי יֶעצְט. צְוַואנְצִיג מָאל הָאט עֶר שׁוֹין גֶעוָואלְט לוֹיפֶען אוֹיף מָאנְמַארְטְר: אָבֶער יֶעדֶעס מָאל הָאט אִיהם אָפְּגֶעהַאלְטֶען אַ מָאדְנֶער גֶעפִיהל, עֶפֶּעס ווִי עֶר וָואלְט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט, זֶערֶער מוֹרָא גֶעהַאט גֶעהְן אַהִין. עֶר אִיז דָאךְ אַ גַייסְטְלִיכֶער, נִיט גֶעהֵיירַאטֶעטֶער, פְרֶעמְד פוּן לֶעבֶּען מִיט אַלֶע וֶועלְטְלִיכֶע גֶעשֶׁעפְטֶען — אִיהם בְּלַייבְּט נָאר יְסוּרִים, ווָאוּנְדֶען, צְוִוישֶׁען דִי אִיבְּרִיגֶע מֶענְשֶׁען ווָאס גֶענִיסֶען דִי מַתָּנוֹת פוּן דֶער נַאטוּר, זַיינֶען פְרַייא אוּנ גֶעזוּנְד.

פַאר אִיהם הָאט גֶעשְׁוֶועבְּט דֶער שָׁאטֶען פוּן זַיין פָאטֶער אוּנ מוּטֶער וֶועלְכֶע בְּלָאנְדְזֶען אִיבֶּער דִי לֶעערֶע צִימֶערְן אוּנ זַיינֶען אֲפִילוּ נָאכ׳ן טוֹידְט צוּקְרִינְגְט... אִיהם הָאט גֶעדַאכְט אַז זַיי קְרֶעכְצֶען אוּנ בֶּעטֶען, עֶר זָאל מַאכֶען אִין זִיךְ אַ שָׁלוֹם צְוִוישֶׁען זַיי. ווָאס זָאל עֶר טְהוּן? בְּלַייבֶּען דָא, וַויינֶען, מוּטְשֶׁען זִיךְ צוּזַאמֶען מִיט זַיי, אָדֶער גֶעהְן אַהִין, זוּכֶען אַ רְפוּאָה, וֶועלְכֶע וֶועט זַיי עֶנְדְלִיךְ בֶּערוּהִיגֶען אִין קֶבֶר אוּנ זַיי וֶועלֶען זַיין צוּפְרִיעדֶען ווָאס עֶר אִיז גְלִיקְלִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד? אַיינְמָאל, אוֹיפְשְׁטֶעהֶענְדִיג פוּן שְׁלָאף, הָאט אִיהם גֶעדַאכְט אַז דֶער פָאטֶער שְׁטֶעהט נֶעבֶּען אִיהם אוּנ מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל שִׁיקְט עֶר אִיהם אַהִין, צוּם עֶלְטֶערְן בְּרוּדֶער, אוּנ דִי מוּטֶער אִיז מַסְכִּים, קוּקְט אוֹיף אִיהם מִיט אִיהרֶע גְרוֹיסֶע גוּטֶע

יגען אונ האט חרטה פאר וואס זי האט איהם געמאכט פאר א גייסטליכען.

יענעם טאג האט פּ ע ר אוועקגעווארפען אללע איבערלייגעכץ, גענומען דראשקע אונ געפאהרען צום ברודער.

אריינקומענדיג אין מייסטער־שטוב איז מ א ר י אפילו ניט אויפגעשטאנען פון ־ט אונ קוים צו איהם א שאקעל געגעבען דעם קאפ. זי איז געווען בלאס, יפ'ן שטערען אין דער ברייט א קנייטש. די באבע איז אויך געווען עפּעס ניט ויפגעלייגט אונ א קוק געבענדיג אויף מארי האט זי זיך אפגערופען:

— איהר מוזט איהר פערצייהען, הערר גייסטליכער, זי מאכט זיך נאריש...

יז אין כעס אויף אונז אללעמען.

ג י ל י א ם האט זיך פאנאנדער געלאכט.

— אך, וואס פאר א איינגעשפארטע דאס איז!... דו וועסט גאר ניט גלויבען, ע ר, וואס אין דעם קאפּיל טהוט זיך, ווען אימעצער האט די העזה זאגען פאר־ עהרט פון איהר אידעע וועגען גערעכטיגקייט... מיר רעדען יעצט צווישען זיך זכח דעם פראצעס, ווי דער פאטער איז פארמשפט געווארען נור דורך זיין אייגענעם והנם עדות, זאגט זי אז דער זוהן האט געטהון ווי געהעריג, מען בעדארף שטאנדיג ור זאגען דעם אמת, ניט קוקען אויף קיין זאך, אפילו קעגען דעם אייגענעם טאטען... ווי מיינסט דו, פון איהר וואלט געווען א אונערבארעמדיגער פראקוראר.

פּ ע ר האט א שמייכעל געגעבען. ס'איז געווען קאנטיג, אז ער איז ניט מסכים צו מארי'ס אידעע. דאס האט זי נאך מעהר צורייצט אונ זי האט אויסגע־ שאססען מיט א ברען:

— גיליאם, איהר זייט א שלעכטער... פון א זאלכע זאכען טאר מען ניט אבשפאטען...

— אבער דו ביסט אראפ פון זינען, טהייערינקע — האט פ ר א נ ס ו א אויסגע־ שריען ווען זיינע צוויי ברידער האבען זיך וויעדער צולאכט — דער פאטער אונ מיר ריידען נאר וועגען מענשליכקייט. אבער מיר שעצען אונ האלטען טהייער די גערעכטיגקייט ניט וועניגער פון דיר.

— וואס פאר מענשליכקייט! ס'עקסעסטירט נאר איין אמת אונ מעהר גאר ניט וואס גערעכט איז גערעכט. ס'מעג זיין וואס סוילל, די גאנצע וועלט מעג אונטערגעהן!

ג י ל י א ם האט געפרובט איבערעדען זי מיט פערשיעדענע ראיות; דאנן איז זי פלוצלינג אויפגעשפרונגען, געציטטערט אין גאנצען לייב, ניט געדיינקט וואס מיט איהר געהט פאר, אונ פון גרויס כעס האט זי קוים געקענט ארויסרעדען די עטליכע ווארטער:

— איהר זייט אללע שלעכטע. איהר מוזט מיך דווקא קרענקען. בעססער וועל איך גאר ארויסגעהן.

אומזאנסט האט די באבע געוואלט זי פארהאלטען.

— לאז צורוה, מיין קינד: קום צו זיך, ס'איז זעהר מאוס! נאכדעם וועסט

חֲרָטָה הָאבֶּען אויף דַיין צוּפְלַאקֶערֶען.

— נַיין, אִיהר זַייט אוּמְגֶערֶעכְט, מִיךְ קְרֶענְקְט עֶס שְׁרֶעקְלִיךְ.

און צוּהִיצְט אִיז זִי אַרויסגֶעלָאפֶען צוּ זִיךְ אויבֶּען, אִיבֶּערְלָאזֶענְדִיג אַללֶעמֶען צֶערְשְׁטוּיגְט און פַארְוואוּנְדֶערְט.

אַזֶעלְכֶע סְצֶענֶעס פְלֶעגֶען מַאנְכֶעס מָאל טְרֶעפֶען, אָבֶּער גַאנְץ זֶעלְטֶען גֶעקוּמֶען צוּ אַזַא מַדְרֵגָה ווִי יֶעצְט. גִילְיָאם הָאט בַּאלְד חֲרָטָה גֶעהַאט, פַאר וָואס עֶר הָאט זִי אַזוֹי צוּרֵייצְט מִיט זַיין גֶעשְׁפָּאט — זִי קֶענְן נִיט דֶערטְרָאגֶען קֵיין קַאטָאוֶועֶן. עֶר הָאט עֶרְצֶעהלְט פְּיֶער'ן, אַז וֶוען זִי אִיז גֶעוֶוען יוּנְגֶער, פְלֶעגְט זִיךְ בַּיי אִיהְר טְרֶעפֶען אַרַיינְקוּמֶען אִין שְׁרֶעקְלִיכֶען כַּעס וֶעהֶענְדִיג עֶפֶּעס אַ אִינְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנ זִי פְלֶעגְט פַאללֶען כִּמְעַט אַ טוֹידְטֶע פוּן גְרוֹיס אויפְרֶעגוּנְג. נָאכְדֵעם שֶׁעמְט זִי זִיךְ אַלֵיין און אִיז מוֹדֶה אַז זִי אִיז אוּנְעֶרְטְרֶעגְלִיךְ.

ווִירְקְלִיךְ, אִין אַ פִיעֶרְטֶעל שָׁעָה שְׁפֶּעטֶער אִיז זִי אַלֵיין אַרָאבְּגֶעקוּמֶען אוּנְטֶען אִין גַאנְצֶען רוֹיט, אָבֶּער חְרַאבְּרֶע זִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶוען אַז זִי אִיז שׁוּלְדִיג.

— ווִי לֶעכֶערְלִיךְ, ווִי שְׁלֶעכְט בִּין אִיךְ! און בֶּעשׁוּלְדִיג נָאךְ אַנְדֶערֶע אִין שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט... וָואס וֶועט דֶער הֶערר גַייסְטְלִיכֶער וֶועגֶען מִיר טְרַאכְטֶען?

זִי אִיז צוּגֶענַאנְגֶען צוּ דֶער בַּאבּוּגְיוֹ און גֶעקוּשְׁט אִיהְרֶע הַאנְד.

— אִיהְר פֶערְצַייהֶעט מִיר, נִיט וַואהר? לָאז פְּרַאנְסוּאַ לַאכֶען וויפִיעל עֶר ווִילל. אויךְ טָאם און אַנְטוּאַן מֶעגֶען לַאכֶען; זַיי הָאבֶּען רֶעכְט, מֶען בֶּעדַארְף מַאכִי מִיךְ אויסלַאכֶען פַאר דֶעם.

— מַיין אָרִימֶע מַארִי! — הָאט גִילְיָאם צֶארְטְלִיךְ גֶעזָאגְט — אָט דָאס הַייסְט זַיין אֵיינְזַייטִיג. אִין אַלֶץ זַייט אִיהר אַזוֹי גְלַייכְגֶעוִויכְטִיג, גֶעזוּנְד, קְלוּג, וַוייל אִיהְר זַייט צוּפְרִיעדֶען מִיט דִי אוּמְשְׁטֶאנְדֶען און פָארְדֶערְט פוּן לֶעבֶּען נָאר דָאס וָואס עֶס קֶענְן אַייךְ גֶעבֶּען, און פְּלוּצְלִינְג פַארְלִיעֶרְט אִיהר יֶעדֶע אִיבֶּערְלֵייגוּנְג, יֶעדֶע גְלַייכְגֶעוִויכְט, קוּים הֵייבְּט אִיהר אָן רֶעדֶען וֶועגֶען דִי רֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט...

מַארִי הָאט נִיט אויפְגֶעהֶערְט זִיךְ שֶׁאמֶען און מִיט שְׁפַּאס בֶּעמֶערְקְט:

— פוּן דֶעם קֶענְן מֶען נָאר זֶעהן אַז אִיךְ בִּין גַאנְץ וַוייט פוּן פָאלְקָאמֶענְהַייט.

— גֶעווִיס און דֶעסְטָא בֶּעסֶער: אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דִיךְ נָאךְ מֶעהר לִיעבּ.

דָאס זֶעלְבֶּע הָאט אויךְ פְּיֶער גֶעווָאלְט זָאגֶען. דִי סְצֶענֶע הָאט אִיהם טִיעף גֶערִיהְרְט. אָבְּוָואהְל עֶר הָאט נָאךְ נִיט גֶעקֶענְנְט אָבְּגֶעבֶּען זִיךְ אַ קְלָארֶע רֶעכְנוּנְג וָואס פַאר אַ גֶעפִיהל אִין אִיהם אִיז אויפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען דַאדוּרְךְ. אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט וֶוען גִילְיָאם הָאט גֶעלוֹיבְּט מַארִי'ן דֶערפַאר וָואס זִי פָארֶערְט פוּן לֶעבֶּען נָאר דָאס וָואס עֶס קֶענְן גֶעבֶּען, הָאט אִיהם גֶעדַאכְט אַז דִי וֶוערְטֶער פַּאסֶען אויךְ קֶענֶען אִיהם און גִיבֶּען אִיהם טְרֵייסְט, עֶרְפְרִישׁוּנְג. אִיהם הָאט גֶעפְרֵייט דֶער כַּעס פוּן דֶעם מֶאדֶעל, וועלְכֶער הָאט זִי מְקָרֵב גֶעוֶוען צוּ אִיהם און אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען אִיהר פוּן דֶער הוֹיכֶער שְׁטוּפֶּע... זִי אִיז אַלְזָא נִיט מִיט אַללֶע מַעֲלוֹת, הָאט אויךְ חֶסְרוֹנוֹת... אִין זֶעלְבֶּען טָאג הָאט ... מִיט אִיהר שׁוֹין אַ בִּיסֶעל גֶערֶעדְט און אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען

יט דֶעם אַיינְדְרוּק, אַז זִי אִיז וֶועהר אַ גוּטֶע, אַ מֶענְשְׁלִיכֶע.

אִין צְוֵויי טָאג אַרוּם אִיז עֶר וַוייטֶער גֶעקוּמֶען פַאַרְבְּרֶענְגֶען דִי צַייט נָאךְ מִיטָאג ין דֶער גֶערוּימֶער לִיכְטִיגֶער מֵייסְטֶער־שְׁטוּב, וואוּ מֶען הָאט אַרוּיסגֶעזֶעהְן גַאנְץ פַּארִיז. א, צְווִישֶׁען דֶער גוּטֶער. אַרְבֶּעטַזאמֶער פַאמִילְיֶע הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיהְלֶען ערוּהִיגוּנְג אוּנ פְרֵייד. דֶער בְּרוּדֶער הָאט אִיהְם פָארְגֶעהַאלְטֶען, פַאר וָואס עֶר אִיז נִיט עקוּמֶען צוּם פְרִיהשְׁטִיק, אוּנ פְּיֶער הָאט פַארשְׁפְּרָאכֶען קוּמֶען מָארְגֶען פְרִיהֶער. ווִישֶׁען אִיהם אוּנ מַארִי אִיז פַארְבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען אַ פְרַיינְדְשַׁאפְט, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ יין נִיט גֶעפִיהלְט אוּמְבֶּעקְוֶועם אֵיינֶער בַּיים אַנְדֶערֶען, נִיט גֶעפִיהלְט קֵיין פַיינְד־אפְט וֶועלְכֶע הָאט זֵיי פְרִיהֶער אָבְגֶעשְׁטוֹיסֶען פוּן אֵיינַאנְדֶער. דֶער דָאזִיגֶער גֵייסְט־יכֶער מִיט זַיין גַלַחְשֶׁען מַאנְטֶעל הָאט אִיהר אִין קֵיין זַאךְ נִיט מֶעהר גֶעשְׁטֶערְט. פוּן עלִיגְיָאנְס־זַאכֶען הָאבֶּען זֵיי קֵיינְמָאל נִיט גֶעמַאכְט קֵיין רֶעדֶע.

וֶוען עֶר אִיז גֶעוָוארֶען בַּיים בְּרוּדֶער אַ אָפְטֶער גַאסְט הָאט מַארִי עֶנְדְלִיךְ גֶעמֶערְקְט אַז עֶר לַיידְט עֶפֶּעס פַארְבָּארְגֶענֶע שְׁמֶערְצֶען. אָבֶּער וָואס אִיז אִיהם אַזוֹינְס? ִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְרַיינְדְלִיךְ אִיהם אוֹיסְפְרֶעגֶען, אוּנ אַז עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט אַרוֹיסזָאגֶען הָאט זִי פֶערשְׁטַאנֶען אַז בַּיי אִיהם אִין הַארְצֶען אִיז אַ טִיעפֶע, בְּלוּטִיגֶע וואוּנְד, אַ טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט, מִיט וֶועלְכֶע עֶר זֶעלְבְּסְט שֶׁאמְט זִיךְ אוּנ מֶען קֶענְן זִי נִיט אוֹיסהֵיילֶען, ווייל זִי אִיז פַארְבָּארְגֶען. אִין אִיהר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעוֶועקְט אַ וַוייבֶּערשֶׁער מִיטְלֵייד צוּם הוֹיכֶען, בְּלַאסֶען יוּנְגֶען מֶענְשֶׁען, מִיט דִי בְּרֶענֶענְדִיגֶע אוֹיגֶען ווִי אִין פִיבֶּער, מִיט דֶער שְׁוֶוערֶער זָארְג טִיעף אִין הַארְצֶען; וַואהְרְשַׁיינְלִיךְ הָאט זִי גִילְיָאמֶען אוֹיסגֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען בְּרוּדֶער אוּנ גֶעוָואלְט ווִיסֶען וַוארוּם אִיז עֶר אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג, אוּנ גִילְיָאם הָאט אִיהר אַבִּיסֶעל עֶנְטְדֶעקְט דֶעם גֶעהֵיימְנִים, כְּדֵי זִי זָאל אִיהם הֶעלְפֶען הֵיילֶען פְּיֶער'ס חֲלַאַת אוּנ אַרַיינְגֶעבֶּען אִיהם חֵשֶׁק צוּם לֶעבֶּען.

אֵיינְמָאל אִין אָוֶוענְד הָאט פְּיֶער בֶּעמֶערְקְט טְרֶערֶען אִין אִיהרֶע אוֹיגֶען; דַאמָאלְס הָאט עֶר אַלֵיין מִיט אַמָאל אִיהר מוֹדֶה גֶעוֶוען אַללֶע זַיינֶע אִינְווֶענִיגְסְטֶע צָרוֹת אוּנ אִיהר עֶרְצֶאהלְט וֶועלְכֶע שְׁרֶעקְלִיכֶע פוּסְטֶקֵייט עֶר פִיהלְט אִין הַארְצֶען נָאכְדֶעם ווִי זַיין אֱמוּנָה אִיז פַארשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען. אָה, ווִי שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז עֶם אוֹיפְהֶערֶען גְלוֹיבֶּען, אוֹיפְהֶערֶען לִיעבֶּען, וֶוערֶען ווִי שְׁטוּב, נִיט ווִיסֶען וֶועלְכֶען אַנְדֶערֶען גְלוֹיבֶּען גֶעבֶּען דֶער זֶעלֶע אַנְשְׁטַאט דִי פַארְלָארֶענֶע אֱמוּנָה אָן גָאט! מַארִי הָאט אַ פֶּער־וואוּנְדֶערְטֶע גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהם. נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ אַז עֶר אִיז אַרָאפּ פוּן זִינְנֶען! ווִי אִיז עֶם מֶעגְלִיךְ צוּ זַיין פֶערְצְוֵוייפֶעלְט, אוֹיפְהֶערֶען גְלוֹיבֶּען אוּנ לִיעבֶּען ווייל עֶם פֶעהְלְט דִי אֱמוּנָה אִין גָאט, דַאמָאלְס וֶוען דִי גְרוֹיסֶע וֶועלְט שְׁטֶעהְט אוּנְגֶעשְׁטֶערְט דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען שְׁטֶעהְט פַאר אִיהם, אַ חוּץ דִי פִיעל מֶענְשֶׁען וֶועלְכֶע מֶען מוּז לִיעבֶּען אוּנ הֶעלְפֶען — שׁוֹין נִיט רֶעדֶענְדִיג פוּן דֶעם חוֹב צוּ אַרְבֵּייטֶען, וָואס דָאס אִיז דֶער צִיעל פוּן לֶעבֶּען אוּנ אַ חוֹב פַאר יֶעדֶען! עֶר אִיז אַ אֵיינְפַאכֶער מְשׁוּגָעֶנֶער אוּנ זִי מוּז אִיהם דִי מְשׁוּגַעַת אוֹיסהֵיילֶען!

אוּנ פוּן דֶענְסְמָאל אָן הָאט מַארִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיהְלֶען צוּ אִיהם מִיטְלֵייד,

רַחֲמָנוּת, און זִיךְ בֶּענַאנְגֶען מִיט אִיהם וִוי אַ שְׁוֶועסְטֶער, אָפְּפֶּערְהֶארְצִיג, עֶהרְלִיךְ און גוּט.

— אַךְ, פְרַיינְד מַיינֶער — הָאט זִי אֵיינְמָאל גֶעזָאגְט פְּיֶער׳ן — וֶוען אִיהר זָאלְט נָאר וִויסֶען וִוי מִיר אִיז לַייכְט צוּ זַיין גְלִיקְלִיךְ, וֶוען נָאר דִי מֶענְשֶׁען וָואס זַיינֶען מִיר טְהַייעֶר זָאלֶּען נִיט צוּפִיעל לַיידֶען אַרוּם מִיר. אִיךְ אַלֵיין קָאנְן שְׁטֶענְדִיג זַיין צוּפְרִידֶען מִיט׳ן לֶעבֶּען — דוּרְךְ אַרְבֵּייט; אִיךְ הָארֶעוֶוע, בֶּעגְנִיג מִיךְ מִיט דֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ. אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ אַ מָאל גֶעהַאט שְׁמֶערְצֶען, אִיז עֶס נָאר גֶעוֶוען צוּלִיעבּ אַנְדֶערֶע, ווייל כְּ׳וִויל אַז אַלֶּע זָאלֶּען זַיין גְלִיקְלִיךְ... פִיעלֶע אָבֶּער ווִילֶּען בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גְלִיקְלִיךְ זַיין... אָט אִיךְ, לַאנְג הָאבּ אִיךְ גֶעלֶעבְּט אִין אָרִימְקֵייט און דָאךְ קֵיינְמָאל נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט זַיין פְרֶעהְלִיךְ. אִיךְ בֶּעגֶעהר נָאר דָאס וָואס מֶען קֶענְן נִיט קוֹיפֶען פַאר גֶעלְט און דָאךְ אִיז אָרִימְקֵייט אַ גְרוֹיסֶע צָרָה, אַ אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, וֶועלְכֶע בֶּעטְרִיבְּט מִיךְ זֶעהְר. אַייךְ פַארְשְׁטֶעה, אִיךְ הָאט גֶעדַאכְט אַז אַלְץ אִיז פֶערְלָארֶען וֶוען אִיהר הָאט זִיךְ אִיבֶּערְצֵייגְט וִוי דִי צְדָקָה אִיז קְלֵיין און הֶעלְפְט אַזוֹי וֶועניג. דָאךְ צְדָקָה מַאכְט אַזוֹי לַייכְטֶער דִי וֶועלֶע, סְ׳אִיז אַזוֹי זִיס צוּ גֶעבֶּען אַ נְדָבָה! סְ׳וֶועט נָאךְ קוּמֶען אַ צַייט וֶוען דוּרְךְ דֶער אַרְבֵּייט, דוּרְךְ׳ן שֵׂכֶל אָדֶער דִי נַאטִירְלִיכֶע ווירְקוּנְג פוּן לֶעבֶּען זֶעלְבְּסְט, וֶועט דִי גֶערֶעכְטִיגְקֵייט טְרִיאוּמְפִירֶען. אָבֶּער, אִיךְ הוֹיבּ אַייךְ שׁוֹין אָן הַאלְטֶען אַ פְּרֶעדִיגְט. כְּ׳בִּין גָאר צוּ דֶעם נִיט פֶּאהִיג. נָאר, כְּ׳וִויל אַייךְ אִין אֶמֶת׳ן אוֹיסְהֵיילֶען פוּן אַייעֶר פִינְסְטֶערֶע מֶעלַאנְכָאלְיֶע, דַארוּם בֶּעט אִיךְ אַייךְ, קוּמֶען אַהֶער וִוי אַם מֶעהְרְסְטֶען און בְּלַייבֶּען דָא וִוי אַם לֶענְגְסְטֶען. אִיהר וֵוייסְט דָאךְ, וִוי גִילְיָאם בֶּעגֶעהְרְט עֶס, מִיר אַלֶּע ווִילֶּען אַזוֹי שְׁטַארְק לִיעבּ הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם צְוֵוייטֶען; אִיהר וֶועט זֶעהן, וִוי צֶארְטְלִיךְ און שְׁטִיף מִ׳ר זַיינֶען צוּגֶעבּוּנְדֶען, וִוי מוּנְטֶער און פְרֶעהְלִיךְ מִיר אַרְבֵּייטֶען, דַאמָאלְס וֶועט אִיהר אוֹיךְ אוֹיפְגֶעלֶעבְּט וֶוערֶען. לֶעבְּט, אַרְבֵּייט, לִיעבְּט, הָאפְּט!

פְּיֶער הָאט נָאר גֶעשְׁמֵייכֶעלְט הֶארֶענְדִיג אִיהרֶע רֵייד. יֶעצְט הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען קוּמֶען צוּם בְּרוּדֶער פִּינְקְטְלִיךְ יֶעדֶען טָאג. מַארִי אִיז גֶעוֶוען זֶעהר לִיעבְּלִיךְ צוּ אִיהם און מִיט אִיהרֶע קְלוּגֶע וֶוערְטֶער זִיךְ גֶעסְטַארֶעט אוֹיסַווייזֶען, וִוי וואהְל סְ׳אִיז בַּיי זֵיי אִין מַייסְטֶער-שְׁטוּבּ, וִוי פְרֶעהְלִיךְ עֶס אָטְהֶעמְט זִיךְ וֶוען אַלֶּע זִיטְצֶען צוּזַאמֶען, בַּיי אַ אַלְגֶעמֵיינֶע גֶעזוּנְטֶע און אָרֶענְטְלִיכֶע בֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג. שֶׁעמֶענְדִיג זִיךְ וָואס עֶר גֶעהְט אַרוּם לֵיידִיג און פִיהלֶענְדִיג אַז עֶר מוּז מִיט עֶפֶּעס בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זַיינֶע הֶאנְד און זַיינֶע רַעְיוֹנוֹת, הָאט פְּיֶער אָנְפַאנְגֶס זִיךְ אִינְטֶערֶעסִירְט מִיט אַנְטוּאַנְס קְרִיצַאכְץ אוֹיף הָאלְץ. פַאר וָואס זָאל עֶר אוֹיךְ נִיט פְּרוּבֶּען גְרַאווִירֶען? אָבֶּער עֶר אִיז בַּאלְד גֶעבְּלִיבֶּען אָפְּהֶענְדִיג, נִיט פִיהלֶענְדִיג אִין זִיךְ קֵיין טַאלַאנְט און פֶּאהִיגְקֵייט צוּ דֶער עֶדְלֶער אַרְבֵּייט. עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען נִיט ווִילֶּענְדִיג בֶּעטְרַאכְטֶען טָאם׳ס הַאנְדְ-אַרְבֵּייט און בֶּעקוּמֶען חֵשֶׁק צוּ מֶעכַאנִיק. עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין רְשׁוּת פוּן יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען, גֶעבְּרַאכְט אִין בֶּעוֶועגוּנְג דֶעם בְּלָאז-זַאק, גֶעהַאלְטֶען אוֹיפְ׳ן קָאוַואדְלֶע דָאס אַייזֶען וָואס טָאם פְלֶעגְט שְׁמִידֶען. עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אַ מִיטְהֶעלְפֶער בַּיים

יוֹדֶער, אָנְגֶעטְהוּן אַ גְרוֹיסֶען בְּלוֹיֶען פַארְטוּךְ אוֹיפְ'ן גַלַחְשֶׁען מַלְבּוּשׁ אוּנ אִיהם גְהאלְפֶען בַּיי דִי פְּרָאבֶּעס. מִיט אֵיין וָוארְט, עֶר הָאט זִיךְ בֶּעוֶועצְט אִין וֶוערְקְשְׁטֶעלל'נ מִיט אִיהם אִיז צוּגֶעקוּמֶען אַ אַרְבֵּייטֶער.

---

## II.

אֵיינְמָאל אִין אָוֶוענְד, נָאךְ אַ פְלַייסִיגֶען אַרְבֵּייטְס־טָאג, וֶוען פְּיֶער הָאט גְהָאלְפֶען טָאמֶען אִין דֶער אַרְבֵּייט, הָאט עֶר זִיךְ פַארְפְּלָאנְטֶעט אִין דִי פָּאלֶעס וּן זַיין גַלַחְשֶׁען רָאק אוּנ אִיז שִׁיער נִיט אוּמְגֶעפַאללֶען.

מַארִי הָאט אַ קְלֵיינֶעם גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן פוּן שְׁרֶעק אוּנ זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען:

— וַוארוּם טְהוּט אִיהר אִיהם נִיט אוֹיס?

זִי הָאט דָאס גֶעזָאגְט פְּרָאסְט, אָהן אַ שׁוּם כַּוָונָה, וַוייל זִי הָאט דֶעם מַלְבּוּשׁ עטְרַאכְט פַאר שְׁוֶוער אוּנ אוּנְבֶּעקְוֶועם בַּיי מַאנְכֶע אַרְבֵּייטֶען.

אָבֶּער אִיהרֶע וֶוארְטֶער זַיינֶען וִוי אַ אַייזֶערְנֶער שְׁטִיפְט גֶעבְלִיבֶּען שְׁטֶעקֶען אִין יֶער'ס מֹחַ אוּנ נִיט גֶעקֶענְט אַרוֹיס פוּן זַיין קָאפּ. אַנְפַאנְגְס אִיז עֶר וִוי צוּדוּלְט עוָוארֶען דֶערפוּן, שְׁפֶּעטֶער אָבֶּער, בַּיי דֶער נַאכְט, בְּלַייבֶּענְדִיג אַלֵיין אִין זַיין הַייזֶעל, אט עֶר גֶעפִיהלְט אַז מַארִים וֶוערְטֶער זַיינֶען אַרַיין טִיעף אִין זַיין זֶעעֶלֶע אוּנ אפֶּען אִיהם יְסוּרִים, וַוארְפֶען אִיהם אִין אַ אוּנֶערְבַּארְמִיגֶען פִיעבֶּער. „וָוארוּם טְהוּט זִיהר אִיהם נִיט אוֹיס?".

עֶר וָואלְט וִוירְקְלִיךְ בֶּעדַארְפְט אוֹיסְטְהוּן דִי רִיזֶע. צוּלִיעבּ וֶועלְכֶע סִבָּה הָאט גַר בִּיז יֶעצְט נִיט אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען פוּן זִיךְ דֶעם מַלְבּוּשׁ וָואס דְרִיקְט אִיהם אוּנ בֶּעלָאסְטִיגְט זַיינֶע פְלֵייצֶעס? אוּנ אִין אִיהם הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ אִינְוֶוענִיגְסְטֶע בִּיטֶערֶע מִלְחָמָה... דִי גַאנְצֶע נַאכְט הָאט עֶר קֵיין אוֹיג נִיט גֶעקֶענְט צוּמַאכֶען אוּנ אִיבֶּער־גֶעלֶעבְּט זַיינֶע אַלְטֶע שְׁמֶערְצֶען.

דַאכְט זִיךְ דֶער שֵׂכֶל אִיז מְחַייֵב אַז עֶר בֶּעדַארְף אַרָאפּוַוארְפֶען דֶעם מַלְבּוּשׁ קוֹים עֶרְפִילְלְט עֶר נִיט מֶעהר דָאס וָואס עֶר בֶּעדַארְף אַלְס גַייסְטְלִיכֶער טְהוּן. פוּן אַ גֶעוִויסֶער צַייט הָאט עֶר שׁוֹין אוֹיפְגֶעהֶערְט מַאכֶען דָאס גֶעבֶּעט אִין קִירְכֶע. דָאךְ וֶוען עֶר ווילל קֶאנְן עֶר נָאךְ גֶעהְן אוּנ דַאוְונֶען, וִוי בַּאלְד אָבֶּער עֶר טְהוּט אוֹיס דֶען גַלַחְשֶׁען רָאק אִיז אוֹיס, אָפְּגֶערִיסֶען אִין גַאנְצֶען פוּן גַייסְטְלִיכֶען שְׁטַאנְד.

אָבֶּער צוּ וָואס זָאלל עֶר דִיענֶען אַ רֶעלִיגְיֶע אִין וֶועלְכֶע עֶר גְלוֹיבְּט נִיט מֶעהר? דִי אֵיינְפַאכֶע עֶהרְלִיכְקֵייט הֵייסְט דָאךְ אִיהם עֶרְוַוייטֶערְן זִיךְ פוּן דֶער קִירְכֶע, אִין וֶועלְכֶער עֶר גֶעפִינְט נִיט קֵיין גֶאטְטְלִיכְקֵייט! דִי „אֲנִי מַאֲמִין"ס זַיינֶען אִין זַיינֶע אוֹיגֶען אַ קִינְדֶערְשֶׁער טָעוּת אוּנ וִוי קֶענְן עֶר זֵיי פַארְטְרָאגֶען פַאר לַייטֶען וִוי אַ הֵיילִיגֶען אֱמֶת? דָאס אִיז זֶעהר מָאוּס אוּנ דֶער סָאוֶועסְט לָאזְט אִיהם שׁוֹין לַאנְג נִיט רוּהֶען. אוּנ וָואס

וֶועט מַארִי זָאגֶען צוּ דֶער פַּאלְשֶׁע רָאלֶע וָואס עֶר שְׁפִּיעלְט שׁוֹין אַזוֹי לַאנְג? זִי וֶועט אִיהם גֶעוִויס פֶערְאַכְטֶען, וַוייל זִי קֶענְן קֵיין פַּאלְשְׁקֵייטֶען נִיט, זִי אִיז אַזוֹי אָרֶענְטְלִיךְ, אַזוֹי עֶהרְלִיךְ! נֵיין, עֶר מוּז אַרָאפְּוַוארְפֶען פוּן זִיךְ דֶעם מַאנְטֶעל, וֶועלְכֶער בֶּעלֶאסְטִיגְט אוּנ בְּרִיהט אִיהם; עֶר וֶועט אַרָאפְּוַוארְפֶען, וַוייל זִי הָאט גֶעפְרֶעגְט מִיט אִיהר רוּהִיגֶע פֶעסְטֶע שְׁטִימֶע: וַוארוּם טְהוּט עֶר אִיהם נִיט אוֹיס?

פַּאר טָאג יֶעדָאךְ, וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעוָוארְפְן גֶעגֶעבֶּען אוֹיפְ'ן גֶעלֶעגֶער אוּנ גֶעמֵיינְט אַז עֶר אִיז שׁוֹין רוּהִיג, שׁוֹין גֶערֶעשֶׁעט, אִיז עֶר פְּלוֹצְלִינְג אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוֹיף דִי גְלַייכֶע פִּיס; דֶער אָטְהֶעם הָאט אִיהם וִויעדֶער פֶערְחַאפְּט, זַיינֶע שְׁמֶערְצֶען הָאבֶּען אִיבֶּער אַנַייעֶ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהם פַּיינִיגֶען.

נֵיין! עֶר קֶאנְן נִיט אַרָאפְּוַוארְפֶען דֶעם מַלְבּוּשׁ, וֶועלְכֶער אִיז צוּגֶעקְלֶעבְּט גֶעוָוארֶען צוּ זַיין קֶערְפֶּער. צוּזַאממֶען מִיטְ'ן גֶעוַואנְד וֶועט עֶר אַרָאפְּרַייסֶען דִי הוֹיט, זַיין גַאנְץ וֶועזֶען וֶועט וֶוערֶען צוּרִיסֶען אוֹיף שְׁטִיקֶער. דֶעם מְשִׁין פוּן אַ גַייסְטְלִיכֶען קֶענְן מֶען נִיט פֶערְטִילִיגֶען, עֶר לֵייגְט אַ אֵייבִּיגֶען שְׁטֶעמְפֶּעל אוֹיפְ'ן מֶענְשֶׁען אוּנ מַאכְט אִיהם פְרֶעמְד פוּן דֶער גַאנְצֶער סְטַאדֶע. וֶועז עֶר זָאל אֲפִילוּ צוּזַאממֶען מִיטְ'ן מַלְבּוּשׁ אָפְּרַייסֶען דִי הוֹיט פוּן לַייב וֶועט אַלְץ בְּלַייבֶּען דֶער גַלָח, אַ אוּמְנוּצְלִיכֶע בֶּעשֶׁאפְנִישׁ, אַ אוֹיסְגֶעמֶעקְטֶער פוּן אַלְגֶעמֵיינֶעם לֶעבֶּען, אָהְן נוּטְצֶען אוּנ אָהְן כֹּחַ. וָואס וֶועט אַלְזָא זַיין דִי פְּעוּלָה? זַיין גֶעפֶאנְגְנִיסס וֶועט בְּלַייבֶּען פֶערְשְׁלָאססֶען, אוּנ דָאס לֶעבֶּען — הִינְטֶער דִי וֶואנְד. דָאס לֶעבֶּען פוּן אַרְבֵּייט, פוּן בְּרָכָה אִיז נִיט פַאר אִיהם בֶּעשַׁאפֶּען! עֶר הָאט נִיט קֵיין כֹּחַ, עֶר פִיהלְט זַיין שְׁוַואכְקֵייט בִּיז אִין מַארְךְ פוּן דִי בֵּיינֶער. יֶעצְט הָאט עֶר אֲפִילוּ קֵיין כֹּחוֹת נִיט זִיךְ אוֹיסְקְלַייבֶּען גֶעהְן אוֹיף מָאנְמַארְטְר. עֶרְשְׁט אִין צְוֵויי טָאג אַרוּם אִיז עֶר אַהִין גֶעגַאנְגֶען, אָבֶּער אָהְן אַ רֶעשֶׁענְיֶע, מִיט דִי אַלְטֶע יְסוּרִים אִין הַארְצֶען.

אִיבְּרִיגֶענְס בַּיי דֶער גְלִיקְלִיכֶע פַאמִילְיֶע אִיז דִי לֶעצְטֶע טֶאג אוֹיךְ נִיט גֶעוֶוען וִוי אַם בֶּעסְטֶען. גִילְיָאם זֶעלְבְּסְט אִיז גֶעוֶוען שְׁטַארְק אוּמְרוּהִיג, דוּרְךְ דֶעם מִשְׁפָּט פוּן סַאלְוַואן, אוּנ דִי צַייטוּנְגֶען הָאבֶּען יֶעדֶען פְרִיהמָארְגֶען אִיהם נָאךְ מֶעהְר צוּרֵייצְט. סַאלְוַואַ'ס אוֹיפְפִיהרוּנְג הָאט גִילְיָאמֶען שְׁטַארְק גֶערִיהרְט. דֶער שׁוּלְדִיגֶער הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פֶעסְט אַז קֵיינֶער הָאט אִיהם נִיט מִיטגֶעהָאלְפֶען. אִין אַללֶעמֶען אִיז עֶר זִיךְ מוֹדֶה, אָבֶּער קוֹים זֶעהְט עֶר אַ גֶעפַאהְר צוּ קָאמְפְּרָאמֶעטִירֶען אַ אַנְדֶערֶען, וֶוערְט עֶר עֶנְטְשְׁוִויגֶען וִוי דִי וַואנְד. דִי סְלֶיעדְסְטְוָוא הָאט גֶעוָאלְט זַיין בְּסוֹד אָבֶּער אַמַאדְיֶע, דֶער סְלֶיעדָאוַואטֶעל, הָאט אַדְרַבָּא גֶעמַאכְט דֶערְפוּן אַגְרוֹיס רַעַשׁ. אַללֶע צַייטוּנְגֶען זַיינֶען פוּל גֶעוֶוען מִיט יְדִיעוֹת וֶועגֶען אַמַאדְיֶע'ס פֶערְזָאן אוּנ וִוי עֶר בֶּעגֶעהְט זִיךְ מִיטְ'ן פֶערְבְּרֶעכֶער אוּנ וָואס עֶר זָאגְט. קֵיין גְרוֹיסֶע שְׁוִוירִיגְקֵייטֶען הָאט דֶער סְלֶיעדָאוַואטֶעל נִיט גֶעהַאט, סַאלְוַוא הָאט אַלְסְדִינְג מוֹדֶה גֶעוֶוען אָפֶּענְהֶערְצִיג, נָאר וֶועגֶען דֶער בָּאמְבֶּע אַלֵיין אִיז אַ שְׁוֶוערֶער עֵסֶק. אוֹיבּ סַאלְוַוא זָאגְט אֶמֶת, אַז דִי בָּאמְבֶּע הָאט עֶר אָנְגֶעלָאדֶען בַּיי אַ בֶּעקַאנְטֶען, אִיז אַ לִיעגֶען וָואס עֶר זָאגְט אַז אִין בָּאמְבֶּע אִיז גֶעוֶוען אֵיינְפַאכֶער דִינַאמִיט; וֶועלְכֶען זַיינֶע חֲבֵרִים הָאבֶּען עֶרְגֶעץ

גַנְבֶהט, וַוייל, לויט דִי מֵיינוּנְג פוּן דִי עֶקְסְפֶּערְטֶען, דִינַאמִיט וָואלְט בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט קאנְנְט מַאכֶען אַזַא פַּארְווִיסְטוּנְג. אַלְזָא, דָא שְׁטֶעקְט עֶפֶּעס בֶּעהַאלְטֶען אַ סוֹד. אוּנ דוּרְךְ הָאט זִיךְ דִי סְלְיֶעדְסְטְוָוא פַארְצוֹיגֶען. דִי צַייטוּנְגֶען הָאבֶּען דֶערְוַוייל גֶעפּוֹיקְט, סְגֶעטְרַאכְט יֶעדֶען טָאג ווִילְדֶע גֶעשִׁיכְטֶען, נַארְרִישֶׁע יְדִיעוֹת מִיט רִיזִיגֶע טִיטְלֶען, י מֶעהר פַארְקוֹיפְט וֶוערֶען.

דִי צַייטוּנְגֶען הָאבֶּען דֶערְצֶעהלְט פוּן סַאלְוַואן דִי שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶע מַעֲשׂוֹת, ו גְרֶעסְטֶע עֲבֵירוֹת, אוּנ דָאס הָאט שְׁטַארְק גֶעקְרֶענְקְט גִילְיָאמֶען, וֶועלְכֶער הָאט קֶענְנְט סַאלְוַוא'ן אַז עֶר אִיז אִין תּוֹךְ אַ גוּטֶער מֶענְשׁ, נָאר דָאס אוּנְגְלִיק, דִי יימְקַייט הָאט אִיהם אַרָאפְּגֶעפִיהְרְט פוּן רֶעכְטֶען וֶועג.

פוּן זַיין זוּהְן טָאם הָאט גִילְיָאם גֶעהֶערְט, אַז פוּן דִי מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען אמֶען מִיט סַאלְוַוא'ן גֶעאַרְבֵּייט אִין גְרַאנְדִידְיֶעס פַאבְּרִיק וֶועט קֵיינֶער נִיט גֶע ות זָאגֶען פַאר זַיין טוֹבָה. דִי פַאבְּרִיק הָאט אִיבֶּער אַנַייעס אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִיהֶען אוּנ ייגֶען פוּן טָאג צוּ טָאג, וַוייל דִי וֶועלָאסִיפֶּעדֶען הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אוֹיף זִיךְ פִּיעַ לְנִים. מֶען הָאט עֶרְצֶעהלְט אַז גְרַאנְדִידְיֶע וַוארְט נָאר אוֹיף דֶעם קְלֵיינֶעם טָאר (בֶּעוֶועגוּנְגְס־מַאשִׁינֶע), אוֹיף וֶועלְכֶען טָאם אַרְבֵּייט יֶעצְט צוּ עֶרְפִינְדֶען, כְּדֵי הייבֶּען מַאכֶען אִין פַאבְּרִיק קַארֶעטֶען וָואס גֶעהֶען אָהן פֶערְד. אָבֶּער טַאקִי צוּלִיעבּ ר הַצְלָחָה אִיז גְרַאנְדִידְיֶע גֶעוָוארֶען נָאךְ מֶעהר פָארְזִיכְטִיג אוּנ שְׁטְרֶענְג. אַרוֹיס־ טְרִיעבֶּען פִיעל אַרְבֵּייטֶער, וֶועלְכֶע מֶען אִיז חוֹשֵׁד אַז זֵיי זַיינֶען אַנַארְחִיסְטֶען, אוּנ ווילל נִיט אַז דֶער מִשְׁפָּט פוּן סַאלְוַוא'ן, וֶועלְכֶער הָאט אַ מָאל גֶעאַרְבֵּייט בַּיי אִיהם ן פַאבְּרִיק, זָאל וַוארְפֶען אַ חֲשַׁד אוֹיף זַיין פִירְמֶע.

טוּסְסֶען אוּנ זַיין זוּהְן שַׁארְל, וָואס דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז דֶעם פַארְבְּרֶעכֶערְס וָואגֶער אוּנ אוֹיפְ'ן צְוֵוייטֶען זָאגְט מֶען אַז עֶר הָאט דִי זֶעלְבֶּע אִידֶעעֶן ווִי סַאלְוַוא — אט גְרַאנְדִידְיֶע נִיט אַרוֹיסְגֶעטְרִיעבֶּען נָאר דֶערְפַאר וַוייל בֵּיידֶע אַרְבֵּייטֶען בַּיי יהם שׁוֹין פוּן צְוַואנְצִיג יָאהר.

אֵיינְמָאל אִין אָבֶענְד, קוּמֶענְדִיג צוּרִיק פוּן פַאבְּרִיק וואוּ עֶר פְלֶעגְט מַאנְכֶעס אל גֶעהְן מַאכֶען פְּרָאבֶּען מִיט זַיין מָאטָאר, הָאט טָאם עֶרְצֶעהלְט, אַז אוֹיף דֶער ס מַארְקַאדֶע הָאט עֶר גֶעהַאט זֶעהְר אַ טְרוֹיעֶרִיגֶע בֶּעגֶעגְנִישׁ. מַאדַאם טֶעאָדָאר יט דֶער קְלֵיינֶער סֶעלִינַא זַיינֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט לֵיידִיגֶען, וַוייל טוּסְסֶען הָאט י נִיט גֶעהַאט צוּ בָּארְגֶען אֲפִילוּ 10 סוּ. נָאךְ סַאלְוַוא'ס אַרֶעסְט אִיז דִי פְרוֹי מִיט'ן ינְד, וֶועלְכֶע אַללֶע הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען, אוּנ דֶער ווִירְט — אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן עֶר אָרִימֶער וָואהנוּנְג. גֶעבְּלִיבֶּען אָהן אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, נִיט גֶעהַאט וואוּ דֶעם קָאפּ נִידֶערְלֶעגֶען, גֶעלֶעבְּט פוּן נְדָבוֹת. דִי צְוֵויי עֶלֶענְדֶע בֶּעשֶׁעפְּנִישֶׁען זַיינֶען יֶעצְט אִין שְׁרֶעקְלִיכֶער לַאגֶע.

— פָּאטֶער, אִיךְ הָאבּ זֵיי גֶעהֵייסֶען אַרַיינְקוּמֶען צוּ אוּנְז. אֶפְשַׁר אִיז מֶעגְלִיךְ בֶּע־ אהלֶען פַאר זֵיי דִירָה־גֶעלְט חָאטְשׁ אוֹיף אֵיין חֹדֶשׁ, זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט וַואלְגֶערְן אוֹיפְ'ן אס. אֶט, דַאכְט זִיךְ, זַיינֶען זֵיי טַאקִי גֶעקוּמֶען.

גִילְיָאם הָאט דָאס אַלְץ אוֹיסְגֶעהֶערְט מִיט שְׁרֶעק אוּנ זִיךְ אַלֵיין פָארגֶעוָוארְפֶען, פַאר וָואס הָאט עֶר גָאר אִין גַאנְצֶען פַארְגֶעסֶען אָן דִי צְוֵויי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע.

מַאדַאם טֶעאָדָאר אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אַ שְׁרֶעקֶעדִיגֶע, אַ צֶערְשְׁלָאגֶענֶע. זִי אִיז אִין דֶער לֶעצְטֶער צַייט כִּמְעַט אִין גַאנְצֶען בְּלִינְד גֶעוָוארֶען; דִי קְלֵיינֶע סֶעלִינַא הָאט זִי גֶעמוּזְט פִיהרֶען בַּיי דֶער הַאנְד. פְּיֶער אִיז גֶעוֶועסֶען נֶעבֶּען מַארִי'ן אוּנ בֵּיידֶע זַיינֶען גֶעוֶוען טִיעף גֶערִיהרְט. אִין דֶער זֶעלְבֶּער מַייסְטֶער־שְׁטוּב אִיז יֶעצְט אוֹיךְ גֶעוֶוען מַאדַאם מַתִּית, דִי מוּטְטֶער פוּן יוּנְגֶען וִויקְטָאר. זִי הָאט גֶעהָאלְפֶען דֶער בָּאבֶּע פַארִיכְטֶען דִי וֶועשׁ. מִיט אִיהְר אַרְבֵּייט אִיז אִיהר מֶעגְלִיךְ גֶעוֶוען מַאנְכֶעס מָאל דֶעם זוּהְן גֶעבֶּען אַ צֶעהְן–צְוַואנְצִיג פְרַאנְק צוּם לֶעבֶּען.

גִילְיָאם הָאט גֶענוּמֶען אוֹיסְפְרֶעגֶען דִי מַאדַאם טֶעאָדָאר.

— אַךְ, הֶערר מַיינֶער — הָאט זִי גֶעשְׁטַאמְמֶעלְט שְׁטִילל — וֶוער וָואלְט עֶס גֶעקֶענְט רֶעכְנֶען אַז סַאלְוָוא זָאל זַיין פֶּעהִיג צוּ אַזַא זַאךְ — עֶר, אַזַא גוּטֶער, אַזַא וֵוייכְהֶערְצִיגֶער? אוּנ דָאס אִיז דָאךְ אַ אֱמֶת. עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין מוֹדֶה גֶעוֶוען... אִיךְ הָאבּ אַלְלֶעמֶען גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז אִין בֶּעלְגְיֶען. גֶעוִויסס, כְ'הָאבּ אַלֵיין נִיט גֶעוְואוּסְט ווּאוּ עֶר אִיז; כְּ'בִּין זָאגַאר צוּפְרִיעדֶען וָואס עֶר אִיז נִיט גֶעקוּמֶען זֶעהְן זִיךְ מִיט אוּנְז — וֶוען מְ'וָואלְט אִיהם אַרֶעסְטִירְט אִין דֶער הֵיים וָואלְט אִיךְ נָאךְ מֶעהר קְרֶענְקוּנְג גֶעהַאט... קוּים הָאט מֶען אִיהם גֶעחַאפְּט, וֶועט מֶען אִיהם שׁוֹין פַארְמִשְׁפְּטְן צוּם טוֹיְדְט, דָאס אִיז גֶעוִויסס.

סֶעלִינַא, וֶועלְכֶע הָאט בִּיז יֶעצְט נַייגִיעֶרִיג בֶּעטְרַאכְט דֶעם צִימְמֶער, הָאט זִיךְ פְּלוּצְלִינְג הוֹיךְ צְוֵוויינְט.

— אַךְ, נֵיין, נֵיין, מַאמַא! מֶען וֶועט אִיהם נִיט הַרְגֶעהְנֶען!

גִילְיָאם הָאט אַ קוּשׁ גֶעגֶעבֶּען דָאס קִינְד אוּנ וַוייטֶער אוֹיסְגֶעפְרֶעגְט.

— וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ זָאגֶען? דָאס מֵיידֶעל קֶענְן נָאךְ נִיט אַרְבֵּייטֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין כִּמְעַט אִין גַאנְצֶען פַארְלָארֶען דִי רְאִיָה אוּנ טוֹיג צוּ קֵיין זַאךְ נִיט מֶעהְר. ס'קוּמְט אוּיס צוּ אוֹיסְגֶעהְן פַאר הוּנְגֶער. גֶעוִויסס בִּין אִיךְ נִיט אָהְן פַּאטִילְיַאנְטֶען. בְּ'הָאבּ אַ שְׁוֶועסְטֶער וָואס אִיז פַארְהֵייַראטֶעט פַארְ'ן טְשִׁינָאווְנִיק קְרֶעטְיֶענַא — אֶפְשַׁר קֶענְנְט אִיהר אִיהם. אָבֶּער עֶר אִיז אַבִּיסְסֶעל שְׁטַאלְץ אוּנ כְּדֵי דִי שְׁוֶועסְטֶער זָאל נִיט הָאבֶּען קֵיין אוּנְאַנְגֶענֶעמְלִיכְקֵייט גֶעה אִיךְ נִיט צוּ אִיהר. אַחוּץ דֶעם הָאט זִי הַיינְט אֵיינֶענֶע צָרוֹת — אַ פְרִישֶׁע שְׁוַואנְגֶערְשַׁאפְט אוּנ דָאס אִיז אַ אֱמֶתֶער אוּמְגְלִיק פַאר נִיט קֵיין רַייכֶער פַאמִילְיֶע, ווּאוּ סְ'זַיינֶען שׁוֹין פַארַאן צְוֵויי קִינְדֶער... מִיר אִיז נָאר גֶעבְּלִיבֶּען דֶער אֵיינֶער טוּסְסֶען, מַיין בְּרוּדֶער, צוּ וֶועלְכֶען כְ'קֶאנְן מִיךְ נָאךְ וֶוענְדֶען. זַיין וַוייבּ אִיז זֶעהְר אַ גוּטֶע אָבֶּער פוּן אַ גֶעוִויסֶער צַייט לֶעבְּט זִי אוֹיךְ נִיט אִין נַחַת, זִי שְׁרֶעקְט זִיךְ שְׁטֶאנְדִיג, אִיהר מַאנְן זָאלל נִיט טְרֶעפְפֶען דֶער שְׁלַאג צוּם צְוֵוייטֶען מָאל; זַיין עֶרְשְׁטֶע קְרֶענְק הָאט אַיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען דָאס גַאנְץ בִּיסֶעל אָפְּגֶעשְׁפָּארְט גֶעלְט. הַיינְט לֶעבֶּען זֵיי אַלֵיין אִין דַחְקוּת. אִיךְ הָאבּ צוּ זֵיי קֵיין פְּרֶעטֶענְזְיֶעס נִיט. שׁוֹין נִיט

אין מאל האבען זיי מיר געבארגט געלט, מען קען דאך אבער ניט געבען כסדר אהן אויפהער. — פאר מיר אַרט מיר ניט אַזוי ווי פאר דעם אָרעמען קינד, סעלינא, זי איז געבאך אַ פערפאללענע אויף אייביג, די טאכטער פון אַ פערברעכער וועלכען מען וועט פאַרמשפּטן צום טויט...

סעלינא האט איהר ווייטער איבערגעשלאגען די רייד און געפאללען אויפ'ן האלז.

— אַך, מאמא, מאמא, רעד ניט! דאס קענן ניט זיין, מיר טהוט וועה הער־ענדיג.

פּיער און מארי האבען זיך איבערגעקוקט מיט אַ טרויעריגען בליק, און די באבע איז אַוועקגעגאנגען צונויפקלייבען אין די שראנק אַ ביסעל וועש און אַלטע מלבושים פאר די אומגליקליכע בעשעפעניששען. גילְיאם, וועלכער איז געוועזען געריהרט ביז צום וויינען, האט אַריינגעשטעקט עטליכע מטבעות דעם קינד אין האנד און פאר־שפּראָכען דער מאדאם טעאָדאָר רעדען מיט'ן ווירטה, ער זאָל זיי צוריק געבען די וואהנונג.

— אַך, ה' גיליאם — האט די אומגליקליכע געזאגט — ניט אומזאנסט פלעגט סאלוואַ אייך האלטען פאר'ן בעסטען מענשען. איהר ווייסט דאך, ער איז אויך ניט קיין שלעכטער, ער האט דאך ביי אייך געארבייט עטליכע טאג... יעצט איז ער אין געפאנגניס, אַללע רעדען פון איהם ווי פון ערגסטען רוצח און מיין הארץ ווערט צוריסען אויף שטיקער.

דערווייל איז די באבע אַראפּגעקומען מיט אַ גאנצען פּאַק קליידער און וועש, און מאדאם טעאָדאָר מיט סעלינאַן זיינען אַוועקגעגאנגען אָפּשטענדיג זי מיט דאנקען. אַ לאנגע צייט נאך זייער אַוועקגעהן האט גילְיאם זיך ניט געקענט נעהמען צו זיין אַרבייט און איז אַרומגעגאנגען הין און צוריק איבער'ן שטוב.

אויפ'ן צווייטען טאג, ווען פּיער איז געקומען צום ברודער, האט ער געזעהען אַ וואונדערליכע וויזיטע פון גאר אַ נ'אַנדער אַרט. מיט אַ קלינגענדען געלעכטער און רוישענדיג מיט'ן קלייד איז ווי אַ שטורם־ווינד אַריינגעפלויגען אין שטוב די קליינע גראפין ראָזעמאָנדאַ; הינטער איהר איז נאכגעגאנגען דער יונגער הייאַצינט דיוואַליאַר, אַ אויסגעפוצטער אַ קאלטער, ווי געוועהנליך.

— אט בין איך אויך דאָ, טהייערער לעהרער. כ'האָב פערשפּראָכען בעזוכען אייך אַלס שילערין, אַלס ליעבהאָבערין פון אייער גרויסער חכמה... מיין יונגער פריינד איז מרוצה געוואָרען בעגלייטען מיך צו אייך באלד נאך אונזער צוריקקומען פון נארוועגיען; מיין ערשטער וויזיט — צו אייך.

זי האט זיך געדרעהט, מיט חן בעגריסט פּיער'ן, מארי, פראנסואַ און אַנטואַן, וועלכע זיינען געוועזען אין שטוב.

— אָה, נארוועגיען! טהייערער לעהרער, איהר האט גאר קיין בעגריף ניט וואס פאר אַ ריינקייט, פאר אַ צניעות דאס איז. מיר אַללע וואָלטען בעדארפט שטרעבען

אַהִין, אָנְטְרִינְקֶען זִיךְ פוּן נַייֶעם קְוַואל; מִיר וָואלְטֶען גֶעקוּמֶען פוּן דָארְט גֶערַיינִיגְטֶע, יוּנְגֶערֶע, פֶּאהִיג צוּ גְרוֹיסֶע אוֹיפְטְהוּאַכְצֶען.

פְלוּצְלִינְג הָאט זִי אָפְּגֶעהַאקְט אִיהרֶע עֶנְטְצִיקְטֶע רֵייד וֶועגֶען נָארְוֶועגִיֶען אוּן גֶעזָאגְט:

— אַנַב הָאט אִיהר גֶעהֶערְט וָואס פַּאר אַ אִיבֶּערַראשׁוּנְג כְ'הָאבּ גֶעהַאט צוּרִיק קוּמֶענְדִיג? כְ'הָאבּ גֶעפוּנֶען מַיין פַּאלַאץ בֶּעגַנְבֶעט, בֶּערוֹיבְּט, אוֹיסְגֶערֵיינִיגְט. אִיהר קֶענְנְט אַייךְ גָאר נִיט פָאְרשְׁטֶעלֶען וָואס פַאר אַ פֶערְווִיסְטֶעגֶעשׁ, וָואס פַּאר אַיין אוּנְשֵׁיילִיכְקֵייט! מִיר הָאבֶּען בַּאלְד זִיךְ אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען אַז דָאס וַואקְסְט פוּן דִי שְׁקָצִים בֶּ ע רְ הַ א זְ'ס גוּטֶע־פְרַיינְד.

אַ טָאג פְרִיהֶער הָאט גִילְיָאם גֶעלֶעזֶען אִין צַייטוּנְג, אַז אַ בַּאנְדֶע יוּנְגֶע אַנַארְכִיסְטֶען הָאבֶּען אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען דִי רַאם פוּן אַ פֶענְסְטֶער אִין אוּנְטֶערְשְׁטֶען עֶטַאזְשׁ פוּן רָאזֶעמָאנְדַאס קְלֵיינֶעם פַּאלַאץ, וֶועלְכֶער אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אָהן אַ אוֹיפְזֶעהֶער. דִי חֲבֵרִים יוּנְגֶען הָאבֶּען זִיךְ נִיט בֶּעגְנִיגְט צוּ אַרוֹיסְטְרָאגֶען פוּן דָארְט אַלְסְדִינְג, אֲפִילוּ דִי מֶעבֶּעל; זֵיי הָאבֶּען זִיךְ פָּשׁוּט דָארְט בֶּעזֶעצְט אַ צְוֵויי—דְרַיי טָאג, גֶעטְרוּנְקֶען וַויין פוּן קֶעלֶער, גֶעפְרֶעסֶען, גֶעהוּלְיֶעט, פַארְשְׁמוּצְט דִי צִימֶערְן אוּן אִיבֶּערְגֶעלָאזְט נָאךְ זִיךְ מִאוּסֶע צֵייכֶענְס. רָאזֶעמָאנְדַא, קוּמֶענְדִיג אַהֵיים הָאט בַּאלְד זִיךְ דֶערְמָאנְט אָן דֶעם אָבֶענְד וֶוען זִי הָאט פַארְבְּרַאכְט אִין „שְׁרֶעקְלִיכֶען" קַאבַּאק צוּזַאמֶען מִיט בֶּ ע רְ הַ א ז אוּן זַיינֶע יוּנְגֶע אַדְיוּטַאנְטֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן אִיהר זֶעלְבְּסְט וֶועגֶען דֶער רַייזֶע אִין נָארְוֶועגִיֶען. דִי יוּנְגַאטְשֶׁעס הָאט מֶען טַאקִי אַרֶעסְטִירְט, נָאר בֶּערְהַאז זֶעלְבְּסְט אִיז אַנְטְלָאפֶען. זִי הָאט זִיךְ נִיט זֶעהְר גֶעוואוּנְדֶערְט אוֹיף דֶער גֶעשִׁיכְטֶע; שׁוֹין לַאנְג הָאט מֶען אִיהר גֶעוָוארֶענְט, אַז צְוִוישֶׁען דִי פֶערְמִישְׁטֶע גֶאסְט פוּן אַלֶע נַאצְיָאנֶען, וָואס זַיינֶען בֶּעהֶמְט אוֹיף בַּיי זִיךְ אִין זַאל, גֶעפִינֶען זִיךְ פִיעל מַאשֶׁענִיקֶעס. יַ א נְ סֶ ע ן הָאט אִיהר עֶרְצֶעהלְט זֶעהְר פִיעל מִאוּסֶע גֶעשִׁיכְטֶען וֶועגֶען בֶּערְהַאז מִיט זַיינֶע פְרַיינְד. דָאס מָאל הָאט אִיהר יַאנְסֶען אָפֶען גֶעזָאגְט, אַז בֶּערְהַאז אִיז אִיבֶּערְגֶעקוֹיפְט גֶעוָוארֶען פוּן דֶער פָּאלִיצֵיי, גְלַייךְ ווִי רַאפַּאנֶעל, אוּן דִי גְנֵבָה אִיז טַאקִי גֶעשֶׁעהְן דוּרְךְ דֶער פָּאלִיצֵיי, וֶועלְכֶע הָאט גֶעוָואלְט פַארְשְׁוַוארְצֶען דִי אַנַארְחִיסְטֶען דוּרְךְ דֶעם דָאזִיגֶען שְׁמוּצִיגֶען סְקַאנְדַאל. אַ בֶּעוַוייז אִיז, לוֹיט יַ א נְ סֶ ע נְ ס מֵיינוּנְג, דָאס וָואס דִי פָּאלִיצֵיי הָאט גֶעלָאזְט בֶּערְהַאזֶען נֶעלְם וֶוערֶען.

דֶערְוַוייל, וֶוען דִי פִּירְשְׁטִין הָאט גֶעפְּלַאפֶּעלְט אוּן גֶעלַאכְט, הָאט הְיַאצִינְט זִיךְ צוּשְׁמוּעֶסְט מִיט גִילְיָאמְס צְוֵויי זִיהן פְּרַ א נְ ס וּ אַ אוּן אַ נְ ט וּ אַ ן אוּן זֵיי אַרוֹיסְגֶעלֵייגְט זַיינֶע מְשׁוּגָעְנֶע אִידֶעֶען וֶועגֶען בִּילְדוּנְג, פָּאעֶזִיֶע אוּן מַאלֶערַיי. עֶר אִיז נִיט גֶערְן גֶעקוּמֶען אַהֶער, ס'הָאט אִיהם גָאר נִיט גֶעפַּאסְט צוּ חֲבֶרְהן זִיךְ מִיט זַיינֶע אַמָאלִיגֶע קָאלֶעגֶעס פוּן שׁוּלֶע, וָואס זִיצֶען ווִי פְּרָאסְטֶע אַרְבֵּייטֶער אוּן קְוֶועטְשֶׁען דִי בַּאנְק. נָאר עֶר הָאט גֶעמוּזְט צוּלִיעבּ טְהוּן דֶער פִּירְשְׁטִין אוּן אָבְּפִיהְרֶען זִי אַהֶער.

פְּ יֶ ע ר מִיט מַ א רִ י הָאבֶּען גֶעקוּקְט אוּן גֶעהֶערְט אוּן ס'הָאט זֵיי אַבִּיסֶעל גֶעפֶערְגֶערְט וַואס דִי פְרֶעמְדֶע זַיינֶען גֶעקוּמֶען אוּמְגֶעבֶּעטֶען דָא אַהֶער, אִין דֶעם רוּהִיגֶען,

שְׁטִיללֶען הויז. אִיבְּרִיגֶענְס אִיז דִי קְלֵיינֶע פִּירְשְׁטִין גֶעוֶוען זֶעהְר צוּגֶעלָאזְט אוּנ לִיעבְּלִיךְ; זִי אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם פְרֵיילַיין אוּנ גֶעלוֹיבְּט אִיהר זֶעלְטִען דִיעֶנֶע שְׁטְרִיקֶערַיי. פַּארְ'ן אַוֶועקְגֶעהְן הָאט זִי דוּרְכְאוֹיס פֶערְלַאנְגְט צוּ הָאבֶּען גִילְיָאמְס אוּנְטֶערְשְׁרִיפְט בַּיי זִיךְ אִין אַלְבָּאם. וֶועלְכֶע חַיַאצִינְט הָאט גֶעמוּזְט גֶעהְן בְּרֶענְגֶען פוּן קַארֶעטֶע. חַיַאצִינְט הָאט גֶעפָאלְגְט דֶער פִּירְשְׁטִין, אָבֶּער סְ'אִיז קֶענְטִיג גֶעוֶוען אַז עֶר טְהוּט עֶס נִיט גֶערְן; זַיי זַיינֶען זִיךְ דֶערְעסֶען גֶעוָוארֶען אֵיינֶער דֶעם צְוַוייטֶען, אָבֶּער זִי הָאט אִיהם נָאךְ אַלְץ נִיט אָפְּגֶעלָאזְט עֶהֶדֶער זִי הָאט גֶעפוּנֶען עֶפֶּעס פְּרִישְׁ'ס.

אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג אִיז יַאנְסֶען מִיט בַּאשׁ גֶעקוּמֶען פַארְבְּרֶענְגֶען דֶעם אָבֶּענְד בַּיי גִילְיָאמֶען. יֶעדֶע וָואךְ פְלֶעגְט בַּיי זַיי זַיין אַ פְרַיינְדְלִיכֶע אֲסֵפָה אוּנ אִין אַזָאלְכֶע טֶאג אִיז פְּיֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אַהֵיים זֶעהְר שְׁפֶּעט.

קוּים זַיינֶען בֵּיידֶע פְרוֹיעֶנְצִימֶער אוּנ דִי יוּנְגֶע לַייט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין זֵייעֶרֶע כְּפָאלְגֶעס, הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ לַאנְגֶער גֶעשְׁפְּרֶעךְ אִין מַייסְטֶער-שְׁטִיבּ, פוּן וֶועלְכֶער מֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעזֶעהֶען גַאנְץ פַּארִיז וָואס בְּלִישְׁצֶעט מִיט דִי מִילְיָאנֶען גַאז-פְלַאמֶען. טֶעאָפִיל מָארֶען, דֶער לֶעהְרֶער, פְלֶעגְט קוּמֶען עֶרְשְׁט אוּם זַייגֶער צֶעהְן, וַוייל עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט דוּרְכְזֶעהְן דִי גֶעשְׁרִיפְצֶען פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים.

— זִי אִיז דָאךְ אַ הַאלְבּ פֶערְרִיקְטֶע! — הָאט יַאנְסֶען אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן, וֶוען גִילְיָאם הָאט אִיהם עֶרְצֶעהלְט וֶועגֶען דֶער פִּירְשְׁטִינְס בֶּעזוּךְ — צוּנוֹיפְקוּמֶענְדִיג מִיט אִיהר הָאבּ אִיךְ אַנְפַאנְגְס גֶעגְלוֹיבְּט, אַז זִי וֶועט אוּנְז עֶפֶּעס נוּטְצֶען צוּ אוּנְזֶער עֵסֶק. זִי הָאט מִיר אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַזוֹי אִיבֶּערְצֵייגְט, אַזוֹי דְרַייסְט! בַּאלְד אָבֶּער הָאבּ אִיךְ אַיינְגֶעזֶעהְן, אַז דָאס אִיז אַ פְּרָאסְטֶע מְשׁוּגַעְנֶע.

נָאכְדֶעם הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען וֶועגֶען דֶער גְנֵבָה אִין דֶער פִּירְשְׁטִינְס פַּאלַאץ, וֶועגֶען סַאלְוַואן, וֶועגֶען דֶעם מִינִיסְטֶער-קְרִיזִיס, וֶועלְכֶער דוֹיעֶרְט שׁוֹין גַאנְצֶע דְרַיי וָואכֶען.

— הָאט אִיהר גֶעלֶעזֶען הַיינְט אִין דִי צַייטוּנְגֶען — הָאט בַּאשׁ גֶעפְרֶעגְט — ווִי דֶער פְּרֶעזִידֶענְט הָאט ווִידֶער גֶעמוּזְט רוּפֶען צוּ זִיךְ ווִינְיָאנֶען עֶר זָאל צוּנוֹיפְשְׁטֶעללֶען אַ מִינִיסְטֶריוּם?

— אָ, דִי גַאזֶעטֶען — הָאט מָארֶען גֶעזָאגְט מִיט אַ מִיעֶדֶער מִינֶע — כְּ'הָאבּ זַיי אוֹיפְגֶעהֶערְט לֶעזֶען. סְ'שְׁלָאגְט צוּ דֶער גַאל פוּן זֵייעֶרֶע לִיעגֶענְס אוּנ פַאלְשְׁקַייט.

דֶער מִינִיסְטֶער-קְרִיזִיס הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען גָאר אָהְן אַ עֶנְדֶע. סְ'אִיז גֶעוֶוען אוּנְמֶעגְלִיךְ צוּנוֹיפְשְׁטֶעללֶען אַ נַייעֶם מִינִיסְטֶעריוּם. אַנְפַאנְגְס הָאט ווִינְיָאן גֶעאַרְבֶּעט גַאנְצֶע צֶעהְן טֶאג, גֶעלָאפֶען צוּ אַללֶע חֲבֵרִים, גֶעדְרֶעהט, גֶערוּדֶערְט, אוּנ סְ'אִיז אִיהם נִיט גֶערָאטֶען. עֶר הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט דֶערְוַוייל אָפְּזָאגֶען פוּן דֶער אַרְבֵּייט. דֶער פְּרֶעזִידֶענְט הָאט גֶערוּפֶען אַ נְ'אַנְדֶער דֶעפּוּטַאט אוּנ אִיהם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִי שְׁלִיחוּת צוּ גְרִינְדֶען אַ מִינִיסְטֶעריוּם. אָבֶּער יֶענֶעם הָאט זִיךְ אוֹיךְ נִיט אַיינְגֶעגֶעבֶּען. מֶען הָאט גֶעזֶעהְן, אַז אַ פַארְבָּארְגֶענֶע הַאנְד, אַ אוּנְגֶעהַייעֶרֶער כֹּחַ, צוּשְׁטֶערְט אַללֶע רֶעכְנוּנְגֶען, אַללֶע קָאמְבִּינַאצְיֶעס. דֶער פְּרֶעזִידֶענְט אִיז אַרַיין אִין גְרוֹיס פֶערְלֶעגֶענְהַייט אוּנ ווִידֶער

גֶערוּפֶען צוּ זִיךְ וִוינְיָאנֶען, הָאט שׁוֹין ווִינְיָאן גֶעהַאט אַ פָאלְנֶעם צֶעטֶעל פוּן אַללֶע קַאנְדִידַאטֶען אוּנ אִיז גֶעוֶוען זִיכֶער, אַז אִין צְוַויי טֶאג וֶועט עֶר שׁוֹין הָאבֶען אַ פַארְטִיגֶען מִינִיסְטֶערְיוּם.

— אָבֶער דִי זַאךְ אִיז נָאךְ נִיט פַארְטִיג — הָאט בַּאשׁ גֶעזָאגְט — גֶענִיטֶע מֵינְשֶׁען זָאגֶען, אַז יֶעצְט וֶועט וִוינְיָאן אוֹיךְ גָאר נִיט מַאכֶען, גְלַייךְ וִוי צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל... זָאגְט וָואס אִיהר ווִילְלְט, אִיךְ בִּין זִיכֶער אַז דָא אַרְבֶּעט דִי ווִילְיַאר'ס חֶבְרָה. עֶס גֶעהט זַיי אוּם דֶעם, מֶען זָאל פַארְטְרַייבֶען דִי גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דִי אַפְרִיקַאנִישֶׁע אַייזֶענְבַּאהְנֶען... וֶוען מַאנְפֶערַאן אִיז נִיט אַזוֹי קָאמְפְּרָאמֶעטִירְט, וָואלְט אִיךְ גֶעזָאגְט, אַז דָאס אִיז זַיין אַרְבֵּייט. אִיהר הָאט בֶּעמֶערְקְט ווִי דִי „גְלָאבּ" וָואס הָאט פְּלוּצְלִינְג אַוֶועק־גֶעוָוארְפֶען בַּארְרוּ'ן, שְׁרַייבְּט הַיינְט כִּמְעַט יֶעדֶען טָאג וֶועגֶען מַאנְפֶערַאן מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד אוּנ הָאט מִיט אִיהם שְׁטַארְק מִיטְלֵייד? דָאס אִיז וָועהְר אַ ווִיכְטִיגֶער סִימָן. כְּאַנְסֶעג אִיז נִיט גֶעוָואהְנְט צוּ בּוּקֶען זִיךְ פַאר דִי וָואס זַיינֶען אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען... אִיבְּרִיגֶענְס וָואס קֶענְן מֶען הָאפֶען פוּן אוּנְזֶער אַבְּשַׁיילִיכֶען פַארְלַאמֶענְט? מִן הַסְּתָם וֶועט בַּאלְד אַרוֹיסשְׁפְּרִינְגֶען אַ נַייֶע פַּאסְקוּדְסְטְוָוא.

דִי פְרַיינְד הָאבֶען אָנְגֶעהוֹיבֶען רֶעדֶען וֶועגֶען סַאנְיֶע מִיט זַיינֶע שֶׁאנְדְלִיכֶע אַרְטִיקְלֶען.

— אַךְ, סַאנְיֶע! — הָאט גִילְיַאם גֶעזָאגְט אַ אוֹיפְגֶערֶעגְטֶער — ווִי שְׁמוּצִיג, ווִי עֶקֶעלְדִיג זַיינֶען זַיינֶע שְׁטִיקְלֶעךְ! בַּאלְד וֶועט נִיט בְּלַייבֶּען קֵיין אֵיין זַאךְ, קֵיין אֵיין וֶועזֶען, וֶועלְכֶען עֶר זָאל נִיט בֶּעפַאללֶען אוּנ בֶּעלֵיידִיגֶען. ס'דַאכְט זִיךְ אַז עֶר הַאלְט מִיט דִיר, פְּלוּצְלִינְג, אַהַא! עֶר בֶּעגִיסְט דִיךְ אוֹיךְ מִיט זַיין שֶׁאפֶּעל בְּלָאטֶע... נֶעכְטֶען הָאט עֶר עֶרְצֶעהלְט, אַז בְּשַׁעַת סַאלְוַוא'ס אַרֶעסְט אִין בּוּלָאנֶער וַואלְד, הָאט מֶען בַּיים אַרֶעסְטִירְטֶען גֶעפוּנֶען נָאכְשְׁלִיסְלֶען אוּנ בַּייטֶעלִיךְ גֶעלְט אַרוֹיסגֶעגַנְבֶעטֶע פוּן פוּבְּלִיקוּם... סַאלְוַוא, אַלְץ סַאלְוַוא! סַאלְוַוא אִיז אַ קְוַואל וָואס שֶׁעפְּט זִיךְ גָאר נִיט אוֹיס פַאר דִי צַייטוּנְגֶען, זַיין נָאמֶען אַלֵיין אִיז שׁוֹין גֶענוּג צוּ פַארְטָאפְּלֶען דִי צָאהל פוּן דִי פַארקוֹיפְטֶע נוּמֶערֶען. מִיט סַאלְוַואן פַארְטְהוּעֶן זַיי דֶעם עוֹלָם, מֶען זָאל דֶערוַוייל פַארְגֶעסֶען אָן דִי חַאבַּארְנִיקֶעס, פַארקוֹיפְטֶע דֶעפּוּטַאטֶען. סַאלְוַוא אִיז אַ פְּלַאץ, אוֹיף וֶועלְכֶען מִינִיסְטָארֶען פַאללֶען אוּנ שְׁטֶעהֶען אוֹיף. אַללֶע בֶּענוּטְצֶען זִיךְ מִיט אִיהם, אַללֶע דֶערטְרִינְקֶען אִיהם.

מִיט דֶעם הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט דִי הַיינְטִיגֶע זִיצוּנְג בַּיי גִילְיָאמֶען. דִי פְרַיינְד זַיינֶען צוּגַאנְגֶען אַהֵיים.

זִיצֶענְדִיג בַּיים פֶענְסְטֶער, פוּן וֶועלְכֶען מֶען זֶעהט דִי גַאנְצֶע שְׁטְרֶעקֶע פוּן בֶּעלַייכְטֶעטֶעם פַארִיז, הָאט פְּיֶער גֶעהֶערְט עֶטְלִיכֶע שָׁעה כְּסֵדֶר דִי לַאנְגֶע שְׁמוּעֶסֶען אוּנ הָאט דָאס מוֹיל נִיט גֶעעֶפֶענְט. זַיינֶע סְפֵקוֹת הָאבֶען אִיהם גֶערִיסֶען, גֶעפַּיינִיגְט; דִי אִינֶווענִיגְסְטֶע מִלְחָמָה אִיז שְׁטַארְקֶער גֶעוָוארֶען, אוּנ עֶר הָאט קֵיין שׁוּם עֶרְלַייכְטֶערוּנְג, קֵיין שׁוּם בֶּערוּהִיגוּנְג נִיט גֶעפוּנֶען פוּן דִי אַללֶע מֵיינוּנְגֶען, אַללֶע וִכּוּחִים וָואס עֶר הָאט דָא אַרוּם זִיךְ. זַיי אַללֶע זַיינֶען מַסְכִּים אַז דִי הַיינְטִיגֶע אָרְדְנוּנְג אִין דֶער וֶועלְט

מוז אונטערגעהן, אָבער אַ נייע אָרדנונג, אַ וועלט פון גערעכטיגקייט און אֱמת קאָנען זיי אויך ניט שאַפפען... פּאַריז. וועלכעס איז ביי נאַכט בעשאָטען מיט שטערען און בלישטשעט ווי אַ זוממער-הימעל, בלייבט פאַר איהם נאָך אַלץ אַ גרויס רעטעניש, אַ שוואַרצער חאָאָס, אַ תהו ובהו, אויסגעזייט מיט פונקען פון וועלכע עס בעדאַרף געבוירען ווערען אַ מאָרגענשטערן פון אַ נייעם לעבען. וועלכע צוקונפט בעשאַפפט זיך דאָרט פאַר דער גאַנצער וועלט? וועלכע ישועה וועט דער פריהמאָרגען צוטראָגען אין אַללע עקקען?

ווען פּיער האָט זיך אויך גענומען קלייבען אַוועקגעהן אַהיים, האָט גילִיאָם אַרויפגעלעגט ביידע הענד אויף זיינע אַקסלען און איהם בעטראַכט מיט אַ לאַנגען קוק:

— אָרימער, איך זעה נאָר דו ליידסט אויך אין די לעצטע טאָג! אָבער דו הערשסט אַליין איבער דיינע יסורים, די מלחמה איז אין דיר זעלבסט און דו קאָנסט מנצח זיין, ווערהרענד די גאַנצע וועלט קאָנן מען ניט מנצח זיין אויב מען ליידט דורך איהרע שולד, איהר רשעות און אומגערעכטיגקייט... געה, זיי מונטער, טהו ווי דיין שׂכל הייסט, ס'מעג דיר אֲפילו קאָסטען טרערען, אָבער סוף כל סוף וועסטו דיך בערוהיגען.

אין יענער נאַכט, ווען פּיער איז געבליבען אַליין אין זיין קליין הייזעל, וואו קיינער האָט ניט אַריינגעקוקט אויסער די שאָטטענס פון זיינע עלטערן, האָט ער ווידער אַ לאַנגע צייט ניט געקאָנט איינשלאָפען דורך דער שרעקליכער מלחמה אין האַרצען. קיינמאָל איז איהם נאָך ניט געוועזען אַזוי דערווידער, אַזוי עקעלהאַפט ווי יעצט זיין פאַרשטעללאַכץ, זיין גייסטליכער שטאַנד וואָס האָט פאַר איהם מעהר קיין ווערדע ניט, זיין גלחשער מאַנטעל, וועלכען ער טראָגט ווי אויף אַ מאַסקעראַד... ניין, ער מוז אויפהערען זיך מאַסקירען, שפּיעלען אַ פאַלשע ראָלע, פאַרשטעללען זיך... לאָזען לייט ניט זיין מעהר פערנאַררט אין איהם און גלויבען אַז ער איז אַ הייליגער. זיי שווער איז אָבער אַראָפּצוּרייסען דעם מאַנטעל, וועלכער איז ווי צוגעוואַקסען צום קאָרפּער און ווי שרעקליך איז צו פיהלען, אַז אֲפילו נאָכדעם אַז ער וועט שוין אַראָפּ-רייסען דעם הייליגען מלבוש בלייבט ער הויל, נאַקעט, געראַניעט, אָהן כּחות, און קיינמאָל וועט ער שוין ניט זיין גלייך צו אַללע איבריגע מענשען.

שרעקליך איז געוועזען די מלחמה, שרעקליך די נאַכט, אָבער אויף מאָרגען איז פּיער געקומען אויף מאָנמאַרטער אָנגעטהון שוין ווי אַ געוועהנליכער מענש אין אַ שוואַרצען קאָסטיום!... די באָבע און די דריי זיהן האָבען ניט אַרויסגעוויזען די מינדסטע איבעראַשונג דערזעהענדיג איהם אַ איבערגעקליידטען. איז דען ניט גאַנץ נאַטירליך אַזאַ איבערקעהרניש? זיי האָבען איהם בעגעגענט גאַנץ רוהיג און זאָגאַר נאָך מיט מעהר פרייד ווי אַללע מאָל, כּדי ער זאָל ניט זיין אין פערלעגענהייט. נאָר איין גילִיאָם האָט זיך ערלויבט גוטהאַרציג אַ שמייכעל געבען. דאָס איז די

עֶרְשְׁטֶע ווירְקוּנְג וָואס עֶר הָאט גֶעווירְקְט אוֹיפְ'ן בְּרוּדֶער... דִי רְפוּאָה אִיז גֶעשֶׁעהְן בַּיי אִיהם אִין הויז אוּנ דוּרְךְ זַיינֶע הֶענְד...

מַארִי הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי אוֹיגֶען אוּנ גֶעקוּקְט אוֹיף פְּיֶער'ן. זִי הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וִויפִיעל אִיהרֶע פְּרָאסְטֶע ווֶערְטֶער „וַוארוּם טְהוּט אִיהר אִיהם נִיט אוֹיס?“ הָאבֶּען פְּיֶער'ן גֶעקָאסְט גֶעזוּנְד. זִי הָאט אַיינְפַאךְ גֶעמֵיינְט, אַז צוּ דֶער אַרְבֶּעט אִיז בֶּעקְווֶעמֶער אוֹיסְטְהוּן דִי רֵיזֶע.

— פְּיֶער, קוּמְט נָאר אַהֶער, זֶעהְט נָאר... אִיךְ זִיטְץ אוּנ בֶּעטְרַאכְט דִי ווָאלְקֶענְס רוֹיךְ, ווָאס שְׁוֶועבֶּען אִיבֶּער פַּארִיז אוּנ דֶער ווינְד טְרַייבְּט זֵיי אַהִין, אִין מִזְרַח זַייט. נִיט ווַאהר, זֵיי זֶעהֶען אוֹיס ווִי שִׁיפֶען. אַ גַאנְצֶע מַחֲנֶה אָקְרֶענְטֶען בֶּעגָאסֶען מִיט גָאלְד אוּנ פּוּפּוּר-רוֹיטְקֵייט פוּן דֶער זוּנְן? יָא, דָאס זַיינֶען גָאלְדֶענֶע אָקְרֶענְטֶען, מִילְיָאנֶען גָאלְדֶענֶע אָקְרֶענְטֶען, ווָאס שְׁווִימֶען אַרוּם פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען יַם פַּארִיז, צוּ צוּטְרָאגֶען אוֹיף דֶער ווֶעלְט פְרֵיעדֶען אוּנ לִיכְטִיגְקֵייט...

---

III.

אִין צְווֵיי טָאג אִיז פְּיֶער שׁוֹין גֶעוָואהְנְט גֶעוָוארֶען צוּ זַיין קָאסְטְיוּם אוּנ הָאט שׁוֹין אוֹיפְגֶעהֶערְט טְרַאכְטֶען ווֶעגֶען אִיהם.

פוּן זַיינֶע דְרַיי פְּלֶעמְיַאנִיקֶעס הָאט עֶר אִין עֶטְלִיכֶע לֶעקְצְיֶעס אוֹיסְגֶעלֶערְנְט פָּאהרֶען אוֹיף אַ ווֶעלָאסִיפֶּעד, צוּ בֶּעגְלֵייטֶען זֵיי אוֹיף זַייעֶר שְׁפַּאצִיר יֶעדֶען פְרִיה-מָארְגֶען. צְווֵיי מָאל אִיז עֶר שׁוֹין גֶעפָאהרֶען צוּזַאמֶען מִיט זֵיי אוּנ מִיט מַארִי צוּם אָזֶערָא אִיבֶּער'ן שָׁאסֶע. אַיינְמָאל אִין מָאנַאט אַפְּרִיל אִין דֶער פְרִיה, ווֶען מַארִי הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען בֶּעגְלֵייטֶען אִיהם מִיט אַנְטוּאַנֶען אִין סַאן-זֶערְמֶענֶער ווַאלְד, הָאט זִיךְ אִין דֶער לֶעצְטֶער מִינוּט גְרַאדֶע אַזוֹי גֶעמַאכְט, אַז אַנְטוּאַן הָאט נִיט גֶעקֶענְט פָאהרֶען. מַארִי אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אָנְגֶעטְהוּן צוּ דֶער רַייזֶע אִין הוֹיזֶען פוּן שְׁווַארְצֶען סַארְזֶשֶע אוּנ אַ יַאקֶע פוּן זֶעלְבֶּען שְׁטָאף. דֶער פְרִיהמָארְגֶען אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי לוֹיטֶער אוּנ ווַארְם, אַז זִי הָאט פְרֶעהלִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן:

— ס'אַ דַאֲגָה! לָאמִיר פָאהרֶען אִין צְווֵייעֶן! כ'וִויל, אִיהר זָאלְט פַארזוּכֶען דֶעם פֶערְגְנִיגֶען צוּ פָאהרֶען אוֹיף אַ גוּטֶען ווֶעג אוּנְטֶער'ן שָׁאטֶען פוּן פְּרַאכְטְפָאללֶע בּוֹימֶער.

נָאר ווַייל פְּיֶער אִיז נָאךְ נִיט גֶעוֶוען גֶעאִיבְּט, אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען, פָאהרֶען בִּיז מֶעזָאן-לַאפִיט מִיט דֶער בַּאהְן, נָאכְדֶעם זִיךְ זֶעצֶען אוֹיפְ'ן ווֶעלָאסִיפֶּעד, פָאהרֶען אִין ווַאלְד אוּנ פוּן דָארְט צוּרִיקְקוּמֶען אַהֵיים מִיט דֶער בַּאהְן.

— אִיהר ווֶעט קוּמֶען צוּ פְרִיהשְׁטִיק? — הָאט גִילְיָאם גֶעפְרֶעגְט קוּקֶענְדִיג מִיט פֶערְגְנִיגֶען אוֹיפְ'ן בְּרוּדֶער. ווֶעלְכֶער אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען אָנְגֶעטְהוּן צוּ דֶער רַייזֶע אִין שְׁווַארְצֶע זָאקֶען אוּנ אַ שְׁוַוארְצֶען שֶׁעוְויָאטֶענֶעם קָאסְטְיוּם.

— אָ, גֶעווִיס — הָאט מַ ג ִ י גֶעעֶנְטְפֶערְט — יֶעצְט אִיז נָאךְ פַאר אַכְט; מִיר וֶועלֶען אוֹיסְפֶּעיֶען. אִיבֶּער אַ יָאהר וֶועצְט אַייךְ אִיהר צוּם טִישׁ, מִיר וֶועלֶען שׁוֹין אַוֶועק פָאהרֶען.

ער פְרִיהמָארְגֶען אִיז גֶעוֶוען וואוּנְדֶערשֶׁאן. בַּיים אַוֶועקפָאהרֶען הָאט פִּ ֶ י ע ר זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעללְט, אַז עֶר לָאזְט זִיךְ שְׁפַּאצִירֶען מִיט אַ גוּטֶען חָבֵר. דוּרְךְ דִי גְלַייכֶע קָאסְטִיוּמֶען אוּנ דִי פְרַייעֶ בֶּעוֶועגוּנְג הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעפִיהלְט וִוי רוּהִיגֶע שְׁוֶועסְטֶער אוּנ בְּרוּדֶער. צוּ דֶעם אִיז נָאךְ צוּגֶעקוּמֶען דֶער גֶעפִיהל פוּן גֶעזוּנְטְקַייט, דִי פְרֵייד צוּ בֶּעוֶועגֶען זִיךְ בַּייַזאמֶען אוֹיף דֶער פְרַייעֶר לוּפְט, דֶער תַּעֲנוּג צוּ פִיהלֶען זִיךְ שְׁטַארְק אוּנ פְרַיי אִין דֶער פְרַייעֶר נַאטוּר.

אִין וַואגָאן, וואוּ אוֹיסֶער זֵיי אִיז קֵיינֶער נִיט גֶעוֶועזֶען, הָאט מַ א רִ י עֶרְצֶעהלְט פִּיעֶרְן פוּן אִיהרֶע יוּנְגֶע יָאהרֶען, וֶוען זִי פְלֶעגְט שְׁטִיפֶען מִיט דִי חֲבֵרְתֶה׳ס אִין גִימְנַאזְיוּם, אוּנְטֶערְגֶעבּוּנְדֶען דָאס קְלֵיידֶעל מִיט אַ שְׁטְרִיקֶעל, כְּדֵי בֶּעסֶער קָאנֶען לוֹיפֶען. דַאמָאלְס אִיז נָאךְ נִיט גֶעוֶוען עֶרְלוֹיבְּט מֵיידְלֶעךְ גֶעהְן אִין בְּרֵייטֶע הוֹיזֶען וִוי יֶעצְט.

— מִיר פְלֶעגֶען לוֹיפֶען, שְׁרַייעֶן, שְׁטִיפֶען, דִי הָאר זַיינֶען צוּוָוארְפֶען פוּן וִוינְד. דִי בַּאקֶען בְּרֶענֶען... אוּנ דָאךְ הָאט דָאס אוּנְז נִיט גֶעשְׁטֶערְט צוּ לֶערְנֶען פְלֵייסִיג. אַדְרַבָּא, אִין קְלַאסס הָאבֶּען מִיר גֶעשְׁטְרֶעבְּט אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע אִיבֶּערְשְׁטַייגֶען. אִיבֶּעריָאגֶען אִין קֶענְטְנִים, נָאךְ מֶעהר וִוי אוֹיף׳ן גַאס אִין לוֹיפֶען.

פִּ ֶ י ע ר הָאט מִיט עֶנְטְצִיקוּנְג גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהר. אִיהר פָּנִים אִיז גֶעוֶוען מוּנְטֶער. רָאזֶע, אוּנְטֶער דֶעם קְלֵיינֶעם הִיטֶעלֶע, וֶועלְכֶעס אִיז צוּגֶעשְׁפִּילֶעט צוּ דִי גֶעדִיכְטֶע הָאר מִיט אַ לַאנְגֶער זִילְבֶּערְנֶער שְׁפִּילְקֶע. דִי וואוּנְדֶערְלִיכֶע טוּנְקֶעלֶע הָאר וָואס זַיינֶען פַארְקֶעמְט אִין דֶער הוֹיךְ, הָאבֶּען אוֹיפְגֶעדֶעקְט דֶעם וַוייסֶען צַארְטֶען קַארְק וִוי בַּיי אַ קִינְד. נָאךְ קֵיינְמָאל הָאט עֶר זִי נִיט גֶעזֶעהְן אַזוֹי גֶעשִׁיקְט, רִידֶערֶעוְודִיג אוּנ שְׁטַארְק. מִיט דִי בְּרֵייטֶע קְלוּבֶּעס, הוֹיכֶען בּוּזֶעם אוּנ דָאךְ אַזוֹי בֶּעצוֹיבֶּערְנְד דִינְן אוּנ פַיין. וֶוען זִי הָאט גֶעלַאכְט הָאבֶּען אִיהרֶע אוֹיגֶען גֶעבְּלִישְׁצֶעט מִיט צוּפְרִידֶענְהַייט אוּנ דִי פוּלֶע לִיפֶּען מִיט דֶעם עֶטְוָואס מַאססִיוֶוען גוֹידֶער הָאבֶּען גֶעשַׁיינְט פוּל גוּטְהֶערְצִיגְקַייט.

— אַךְ, דִי בְּרֵייטֶע הוֹיזֶען — הָאט זִי אִין שְׁפַּאס גֶעזָאגְט — ס׳גֶעפִינֶען זִיךְ דָאךְ נָאךְ מַאססֶען פְרוֹיעֶן, וָואס זַיינֶען אַיינְגֶעקְוֶעטְשְׁט אוּנ פָאהרֶען אוֹיפ׳ן וֶועלָאסִיפֶּעד דַוְקָא אִין זֵייעֶרֶע אוּנְטֶערְקְלֵיידְלֶעךְ.

פִּ ֶ י ע ר הָאט אִיהר בֶּעמֶערְקְט, אַז אִיהר פַּאסְט זֶעהְר דֶער קָאסְטִיוּם. עֶר הָאט נִיט גֶעמֵיינְט דֶערמִיט זָאגֶען אַ קָאמְפְּלִימֶענְט, נָאר פְּרָאסְט וִוי דֶער אֱמֶת אִיז.

— אָ, וָואס אִיז צוּ רֶעדֶען וֶוענֶען מִיךְ?.. אִיךְ בִּין נִיט קֵיין שֶׁאנְהַייט, נָאר אַ גֶעזוּנְטֶע מֶערֶעל אוּנ מֶעהְר נִיט... אָבֶּער בֶּערֶעכֶענְט, דִי פְּרוֹיעֶנְצִימֶער הָאבֶּען אַ גֶעלֶעגֶענְהַייט צוּ אָנְטְהוּן זִיךְ פְרַיי, פְלִיהֶען וִוי אַ פוֹיגֶעל, בֶּעפְרַייעֶן דִי פִים פוּן דִי פֶענְטֶעם, אוּנ זֵיי ווִילֶען נִיט! אוֹיבּ זֵיי מֵיינֶען אַז זֵיי זֶעהֶען אוֹיס שֶׁענֶער אִין דִי קוּרְצֶע אוּנְטֶערְקְלֵיידְלִיךְ, הָאבֶּען זֵיי אַ גְרָאבֶּען טָעוּת. אוּנ וָואס [illegible] צוּ

שֶׁעמֶעוְודִינְקַייט, אִיז נָאךְ מַיין מַיינוּנְג בֶּעססֶער ווַייזֶען דִי לִידְקֶעם אֵייֶדער דִי פְּלֵייצֶעס.

אוּנ וִוי אַ שְׁטִיפְפֶּעדִ׳ין הָאט זִי אַ מַאךְ גֶעגֶעבֶּען מִיט דִי אַקְסלֶען.

— אויסֶער דֶעם, טְרַאכְט מֶען דֶען וֶועגֶען אַזָאלְכֶע זַאכֶען בְּשַׁעַת מֶען פְלִיהט אויפְ׳ן ווֶעלָאסִיפֶּעד? צוּם פָּאהרֶען טוֹינֶען נָאר בְּרֵייטֶע הוֹיזֶען. דִי אוּנְטֶערקְלֵיידֶער זַיינֶען אַ אֵיינְפַאכֶע זִינְד!

זִי הָאט אַ קוּק גֶעגֶעבֶּען אויף אִיהם אוּנ אִיז עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארֶען וֶועהֶענְדִיג וִוי עֶר אִיז פַארֶענְדֶערְט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג וֶוען זִי הָאט אִיהם גֶעזֶעהֶן אַ בְּלַאססֶען, מִיט דֶעם גַלְחָשֶׁען לַאנְגֶען מַאנְטֶעל, מִיט אַ אויסגֶעמָאגֶערְטֶען בְּלַאססֶען גֶעזִיכְט, אויסְגֶעמוּטְשֶׁעט פוּן זָארְג. דַאמָאלְס הָאט מֶען גֶעפִיהלְט אַז בַּיי אִיהם אִין זֶעעֶלֶע אִיז פּוּסְט אוּנ ווִיסְט וִוי אַ קֶבֶר פוּן וֶועלְכֶען דֶער ווִינְד צוּטְרָאגְט שְׁטוֹיב. אוּנ יֶעצְט אִיז עֶר גְלֵייך וִוי פוּן טוֹידְט לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען, זַיין גֶעזִיכְט אִיז אויסְגֶעלֵייטֶערְט, אויפְ׳ן בְּרֵייטֶען שְׁטֶערֶען גְלַאנְצְט דִי הָאפְפְנוּנְג, אִין דִי אוֹיגֶען אוּנ אויף דִי לִיפֶּען בְּלִיהט וִויעדֶער צוּגֶעלָאזְטְקַייט, צֶארְטְלִיכְקַייט, חֵשֶׁק צוּ לִיעבֶּען, לֶעבֶּען אוּנ מְקָרֵיב זַיין זִיךְ פַארְ׳ן צְוֵוייטֶען. ס׳אִיז שׁוֹין קֵיין סִימָן נִיט גֶעבְּלִיעבֶּען פוּן אַמָאלִינֶען נַייסְטְלִיכֶען, נָאר חָאטשׁ דִי הָאר זַיינֶען נָאךְ נִיט אָנְגֶעוַואקְסֶען אויפְ׳ן שְׁפִּיץ קָאפּ.

— וָואס קוּקְסְט אִיהר אַזוֹי אויף מִיר? — הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט.

— אִיךְ קוּק וִוי דִי אַרְבֵּייט אוּנ דִי רֵיינֶע לוּפְט הָאבֶּען אויף אֵייךְ גוּט גֶעווִירְקְט. אַזוֹי גֶעפֶאלְט אִיהר מִיר מֶעהְר. פְרִיהֶער הָאט אִיהר אויסְגֶעזֶעהֶן נִישְׁט גֶעזוּנְד, כְ׳הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז אִיהר זַייט קְרַאנְק.

— אִיךְ בִּין טַאקִי גֶעוֶועזֶען קְרַאנְק... הָאט עֶר אֵיינְפַאךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט.

דֶער צוּג אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶן בַּיי דֶער סְטַאנְצְיֶע מֶעזָאן-לַאפִיט. זֵיי זַיינֶען אַרוֹיס אוּנ בַּאלְד אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען אִין וַואלְד. דֶער וֶועג אִיז דָארְט אַבִּיסֶעל מְשׁוּפָּע אוּנ אִין דִי מַארְק-טֶאג אִיז אויף אִיהם פוּל פוּהרֶען.

— אִיךְ וֶועל פָאהרֶען פְרִיהֶער — כְ׳מֶאג? — הָאט מַארִי פְרֶעהְלִיךְ אויסְגֶעשְׁרִיעֶן — אִיהר שְׁרֶעקְט זִיךְ נָאךְ אַלְץ פַאר דִי פוּהרֶען.

זִי אִיז אַוֶועקְגֶעפְלוֹיגֶען פְרִיהֶער, זִיצֶענְדִיג גְלֵייךְ אוּנ שֶׁאן אויפְ׳ן זָאטֶעל, אוּנ צַייטֶענְווַייז זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט מִיט אַ גוּטֶען שְׁמֵייכֶעל, וֶועהְן אוֹיבּ עֶר פָאהרְט אִיהר נָאךְ. אֵיין מָאל, מַיידֶענְדִיג אַ וָואגֶען, הָאט זִי אִיהם אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען מוּטְה אוּנ גֶעלוֹיבְּט זַיינֶע ווֶעלָאסִיפֶּעדֶען, וֶועלְכֶע שְׁטַאמֶען פוּן גְרַאנְדִידְיֶעס פַאבְּרִיק.

— אָט אִיז דֶער וַואלְד, דֶער שִׁפּוּעַ אִיז גֶעעֶנְדִיגְט. יֶעצְט וֶועט אִיהר זֶעהֶן אַ שָׁאנֶע אַלֶעע. אויף זִיהר פָאהרְט זִיךְ וִוי אויף סַאמֶעט.

פְּיֶער אִיז יֶעצְט גֶעפָאהרֶען נֶעבֶּען אִיהר. אִיבֶּער דֶער בְּרֵייטֶער, גְלַייכֶער אַלֶעע, אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה פוּן דִי גֶעדִיכְטֶע רִיזֶענְדִיגֶע בֵּיימֶער. זֵיי הָאבֶּען פְרֵיינְדְלִיךְ גֶעשְׁמוּעֶסְט אֵיינֶער מִיטְ׳ן אַנְדֶערֶען.

— יֶעצְט זִיץ אִיךְ וִוי אַ חָזָאט. אִיהר וֶועט זֶעהֶן, בַּאלְד וֶועט אֵייעֶר תַּלְמִיד

איך מאַכען עהרע.

— כ'בין אין דעם ניט מסופק. איהר האַלט איך אויסגעצייכענט און אין אַ קורצער צייט ווערט איהר מיך פאַרשטעקען הינטערן נאַרטעל. ווי קענען אַ פרויענצימער זיך פערייבען אין דעם מיט אַ מאַנספערזאָן? נאַר, ווי עס איז, דער וועלאָסיפעד איז אַ פראַכטפאָללע שולע פאַר אַ פרויענצימער.

— ווי אַזוי?

— איך האָב אין דעם מיין מיינונג... אויב ביי מיר וועט זיין אַ טאָכטער, וועט איך זי אַרויף צו גיין — צעהן יאָהר אויפ'ן וועלאָסיפעד, זי זאָל אויסלערנען קירעווען מיט זיך אין לעבען. בעטראַכט נאַר די גרויסע מאַמזעלען, וועלכע די מאַמעס האַלטען צוגענעהט צום פאַרטוך. זיי שרעקען זיך פאַר אַלעדינג, מען פערבאַט זיי יעדע אויפטהואַכץ, זיי האָבען ניט קיין אייגענע מיינונג און קיין אויסגעאַרבעטען ווילען, און קאָננען ניט אַפילו אַריבערגעהן די גאַס — אַזוי שרעקען זיי זיך פאַר יעדער הינדערניש... זעצט אָבער אַרויף אַ יונג מיידעל אויף אַ וועלאָסיפעד און לאָזט זי אויפ'ן וועג: ווילענדיג ניט ווילענדיג וועט זי מוזען עפפנען די אויגען און גוט אַכטונג געבען: אויסמיידען אַ שטיין, אָפטרעטען בעצייטענס אָן אַ זייט. לויפט אַ קאַרעטע איהר ענטגעגען, אָדער עס ליגט עפעס אויפ'ן וועג, מוז זי געשווינד בעקלערהען וואָס צו טהון און תיכף אַ דרעה געבען דעם רודער מיט אַ פעסטער קלוגער האַנד, אויב זי וויל ניט ווערען אַ קאַליקע. און אַזוי איבט זי און אַרבעט אויס איהר ווילען, איהר אויפמערקזאַמקייט און איהר כח.

ער האָט זיך צולאַכט.

— איהר וואָלט אָבער אַלע נעווען צופיעל געזונד!

— אָה, געוויסס, ס'פאַרשטעהט זיך. דאָס ערשטע בעדאַרף מען זיין געזונד. כדי צו זיין גוט און גליקליך... איך גלויב אָבער, אַז די, וועלכע קאָננען מיידען שטיינער אויפ'ן וועג און בעצייטענס אומדרעהען אָן אַ זייט, וועלען אויך אין געזעללשאַפטליכען און געפיהל'ס לעבען קאָננען מיידען יעדע הינדערניש, אויסקלייבען אַ בעסטערען וועג, טהון מיט פערשטאַנד, פאָהרען זיכער און עהרליך...

— אַלזאָ ווילט איהר אַז דורכ'ן וועלאָסיפעד זאָללען די פרויען בעפרייט ווערען און זיין גלייך צו די מאַננער?

— פאַר וואָס ניט? אים פלוג זעהט עס אויס לעבערליך קוקט אָבער ווי ווייט מיר האַלטען שוין: די הויזען בעפרייען אונז פון די לאַסטיגע אונטערקליידער; דאָס פאָהרען צוזאַמען איז מקרב און פערגלייכט זכרים מיט נקבות, די פרוי מיט די קינדער קאָננען אומעטום נאָכגעהן דעם מאַנן און דעם טאַטען; גוטע חברים ווי איך מיט אייך פאָהרען איבער פעלדער און וועלדער און קיינער וואונדערט זיך ניט. נאָר דאָס בעסטע און טהייערסטע איז אין וועלאָסיפעד, וואָס דו באַדאַרפסט דיך אין פרישע לופט און זון ליכטיגקייט, קומסט צוריק צו דער מוטער-ערד, שעפּסט פון איהר נייע כחות און מונטערקייט. זעהט, איז דען ניט בעציובערנד דער וואַלד אין וועלכען

מיר פאהרען יעצט צוזאממען? די לופט שטראמט אין אונזער לונגען אריין, ערפרישט אונז, בערוהיגט אונ מונטערט אויף!

דער וואלד איז ווירקליך געווען וואונדערליך שאן, אונ מען האט געשפירט א זעלטענעם תענוג אין דער פלינקער רייזע, גלייך ווי א שוואלב ווייהט ביי דער ערד, אין די וואונדערליכע אלעען, אין דער פרישער לופט, צווישען די זיסע ריחות פון גראז אונ בלעטער וואס זייער שטארקער אראמאט זעצט אין דער נאז! זיי האבען קוים אנגעריהרט די ערד, גלייך ווי פליגעל וואלטען ביי זיי אויסגעוואקסען אונ געטראגען איבער ליכט אונ שאטען דורך דעם פרישען דופטיגען וואלד, וועלכער ציטערט פון שטיללען לעבען, מיט זיינע גראזער אונ טייכלעך, חיה'ליך אונ פליגעליך.

דער וועג האט אנגעהויבען אראפלאזען זיך אין דער ניעדער אונ מארי האט בענומען צוטרייבען פער'ן לאזען פריי די וועלאסיפעדען. פייל פון בויגען האבען זיך ביידע אוועקגעלאזט, דער אטהעם ווערט זיי פארהאפט פון גרויס יאגען. דער וועג פערשווינדט אונטער די פיס, די ביימער פון ביידע זייטען יאגען אויף הינטען מיט וואונדערליכע שנעללקייט. דער ווינד בלאזט אונ פייפט אין די אויערען ווי א שטורם אונ די נשמה רייסט זיך פליהען אין דער אונענדליכער ווייטקייט. ביי אזא נסיעה דאכט זיך, גלייך מען איז בעפרייט געווארען פון פענטעם, פון א שווערע לאסט, מען פליהט אין דער ווייטער וועלט, דאס הארץ ווערט אנגעטרונקען מיט זעלטענער ענטציקונג אונ שטרעבט אונ גארט צו די הימלען.

נאר באלד איז פאר זיי געשטאנען א קליין בארג'ל, דער וועג איז זאמדיג אונ צוגראבען פון רעגען. זיי האבען איינגעהאלטען דאס פליהען עטוואס לאנגזאמער, אבער נאך גענוג געשווינד. די שווינדיגקייט פון דער נסיעה האט נאך פארגראסערט דאס פערגניגען.

— איהר זעט מיט דער צייט געוואהנט ווערען. ס'איז אינטערעסאנט גובר זיין יעדע הינדערניש. איך קאנן נים ליידען ווען דער וועג איז כסדר גלאט אונ גוט. א קליין בארגיל, ביי וועלכען די פיסס בעדארפען זיך ניט צופיעל אנשטרענגען, איז א נייעס, א חידוש, אונ דאס רייצט אונ ערוועקט אונז... ס'איז אזוי גוט צו זיין שטארק, פאר קיין זאך ניט מורא האבען — ניט קיין רעגען, ניט קיין ווינד, נים קיין שטארקען משופע...

ער איז געווארעז ענטציקט פון איהר מונטערקייט אונ דרייסטיגקייט

— אלזא וואהין פאהרען מיר?

— אט זיינען מיר שוין אויפ'ן ארט. נישט קיה, דערפאר וועט זיין אנגענעהם צו אפרוהען... זאגט אליין, איז ניט כדאי געווען קומען צופאהרען אהער אונ זיצען אין דעם שאנעם, שטיללען, פרישען ווינקעלע?

געשיקט איז זי אראפגעשפרונגען פון וועלאסיפעד אונ גענומען געהן צופוסס אויף דער שמאלער סטעשקע, שרייענדיג צו איהם, ער זאל איהר נאכגעהן. די ביידע

וועלאסיפעדען האבען זיי אנגעשפארט צו א בוים און זיינען געבליעבען אויף א קליינע וויעזע. דאס ארט איז ווירקליך געווען וואונדערליך; יונג, גרין, פריש, שמעקעדיג, בענאססען מיט ליכטיגקייט פון דער פריהלינגס-זונן.

— צום גליק איז נאך ניט זעהר הייס — האט מארי געזאגט, זעצענדיג זיך ביי א פרישען דעמב און אנגעשפארט דעם קאפ צום שטאם פון בוים. — אין אמת'ן איז אין יולי פאר וועלאסיפעדיסטקעס ניט גוט צו פאהרען. דאס פנים ווערט צופיעל רויט און ס'פליהט אראפ דער גאנצער פודער.

— כ'בין מודה אז מיר איז יעצט אויך שטארק הייס — האט פיער זיך אבגערופען זעצענדיג ביי איהרע פיס און אפגעווישט מיט'ן טיכעל דעם שווייס פון פנים.

זי האט אנגעהויבען לאכען און געזאגט, אז קיינמאל האט זי איהם ניט געזעהן אזוי רויט. ענדליך זעהט מען אז דאס בלוט שטרוימט ביי איהם אונטער'ן הויט. זיי האבען גענומען פלוידערן ווי קינדער, ווי צוויי חברים, געוויצעלט און געלאכט פון דער מינדסטער נארישקייט. זי האט געזארגט פאר זיין געזונט און ניט געלאזט איהם זיצען א פארשוויצטער אין קיהלען שאטען. ער האט געמוזט צוליעב טהון און זיך זעצען מיט'ן פלייצע צו דער זוהן. נאכדעם וויעדער האט ער זי געראטעוועט פון א גרויסען שפין, וועלכער האט זיך מיט די פיסלעך פארפלאנטערט אויף איהר קארק. דא האט זיך אין איהר ארויסגעוויזען די ווייבערשע נאטור מיט אללע איהרע שוואכקייטען — זי האט א שטארקען געשריי געגעבען פון שרעק; ס'איז אזוי נאריש מורא האבען פאר א שפין! וויפיעל זי האט זיך ניט בעמיהט רוהיג ווערען, איז זי אלץ נאכדעם א היבשע צייט געזעססען בלאסס און ערשראקען. זיי האבען געשוויגען און מיט א שמייכעל געקוקט איינער אויפ'ן צווייטען; זיי האבען שטארק געליעבט איינער דעם אנדערן דא אין יונגען, פרישען וואלד, געליעבט מיט א צערטליכען געפיהל. זי איז געווען גליקליך וואס ער אינטערעסירט זי אזוי שטארק; ער וויעדער איז געווען דאנקבאר פאר דער אויסהיילונג, דאס געזונד, וואס זי האט איהם געשאנקען. אבער די אויגען האבען זיי ניט אראבגעלאזען, די האנד — קיין איינציג מאל ניט צוגעריהרט קלייבענדיג די גראז; זיי זיינען געווען ריין ווי די דעמבעס איבער זייער קאפ. זי האט איהם ניט געלאזט הרגע'נען דעם שפין — ס'איז א רציחה, זי קאנן ניט ליידען קיין גוואלד-זאך. נאכדעם האבען זיי גענומען ווייטער שמועסען.

— הארט פונדעסטוועגען — האט זי זיך פלוצלינג א חאפ געגעבען — מען ווארט דאך אויף אונז אין דער היים מיט'ן פריהשטיק!

זיי זיינען אויפגעשטאנען, ארויסגעפיהרט די וועלאסיפעדען און גענומען ווייטער פאהרען מונטער, פרעהליך איינער נעבען דעם אנדערן און שמועסען פריינדליך, צוגעגעבען, גלייך ווי זיי זיינען אפגעריססען פון דער גאנצער וועלט, פארפלויגען ערגעץ ווייט, ווייט...

אין וואגאן זיינען יעצט געזעססען מיט זיי נאך צוויי דאמען. פיער האט

בעמערקט ווי איהר פנים איז פלוצלינג אויפגעפלאממט געווארען.

— שיינט מיר אז יעצט איז אייך היים.

זי האט איהם פארזיכערט אז ניין, אונ דאך איז איהר געזיכט געווארען אימער רויטער פון פלוצלינגע שאמעוודיגקייט.

— מיר איז ניט היים אט ריהרט אן מיינע האנד... ס'איז זעהר לאכערליך צו ווערען אזוי רויט אהן א שום אורזאכע

איהר הארץ, וואס דארט אין וואלד איז עס געשלאפען אונשולדיג, האט יעצט גאר אהן איהר ווילען אנגעהויבען קלאפען אונ דאס הייסע בלוט איז געשפרונגען אין פנים.

אויף מאנמארטר, נאך זייער אוועקפאהרען, האט גיליאם גענומען מאכען דעם סעקרעטנעם פולווער אונ די פאטראנעס וועלכע ער האט נאכדעם בעהאלטען אויבען, ביי דער באבע אין שלאפצימער. דאס מאכען דעם פולווער איז געוועזען זעהר געפאהרליך; דעה קלייננסטער פארזעהען, א סעקונדע פארזוימען צו צודרעהען דעם צאפען, האט געקאנט צוטראגען אין דער לופטען דאס גאנצע הויז מיט אללע מענשען. אונ דארום שטאנדיג, ווען ער פלעגט זיך מיט דעם בעשעפטיגען, האט ער ליעב געהאט קיינער זאל ניט זיין אין שטוב אויסער איהם. היינט אבער זיינען געזעססען אללע דריי זיהן אין צימער אונ די באבע איז געזעסען רוהיג ביים קאמין אונ גענעהט. איבריגענס איז זי ניט געוועזען פון די שרעקענדיגע; געוואוסט דעם גאנצען סוד אונ פערשטאנען די ארבייט ניט ערגער פון גיליאמען.

— גיבט נור גוט אכטונג, גיליאם. איהר זייט היינט עפעס צוטראגען — האט די אלטע זיך אפגערופען בעטראכטענדיג ווי גיליאם זיצט פארטראכט ביי דער געפאהרליכער ארבייט. — אפשר האט איהר עפעס א אונאנגענעהמליכקייט, א עגמת נפש?

ער האט א קוק געגעבען אויף איהר מיט א שמייכעל.

— א ניין, איך האב קיין שום עגמת נפש ניט, כ'האב געטראכט וועגען אונזער גוטער מארי, מיט וועלכער פרייד זי איז אוועקגעפאהרען שפאצירען אין וואלד. די זונן לייכט היינט אזוי פרעהליך.

אנטואן האט אויפגעהויבען דעם קאפ, וועהרענד די איבריגע ברידער זיינען געבליבען פערטיעפט אין זייער ארבייט.

— מיך פערדריסט וואס כ'האב היינט געמוזט ענדיגען די קריצאכץ. כ'וואלט אזוי גערן מיטגעפאהרען מיט איהר.

— שאדט ניט — האט דער פאטער געענטפערט מיט זיין רוהיגער שטימע — פייער איז מיט איהר. ער איז זעהר פארזיכטיג.

א ווייל'ע האט די באבוניו איהם שארף אנגעקוקט, נאכדעם זיך גענומעי צוריק צו איהר ארבייט;

אום זייגער צוועלף האט גיליאם ארבייטענדיג ארוף געגעבען:

נאכדעם האט ער אבגעפיהרט דעם רעדאקטאר אן א זייט.

— אין איין וועגס פארגעסט נים אפדרוקען די עטליכע ווארטער וואס איהר
אט מיר פארשפראכען.

— וועלכע עטליכע ווארטער? אך יא, וועגען דעם אבענד וואו סילוויאנא
אט געלעזען שירים... איך האב טאקי אליין געוואלט רעדען מיט אייך
אריבער. איהר ווייסט, מיר איז די זאך נים זעהר בעקוועם — צופיעל לויבט
ען זי...

דער באראן, וואס איז ביז יעצט געוועזן אזוי רוהיג אונ שטאלץ, איז פלוצלינג
לאס אונ שרעקליך אומרוהיג געווארען.

— מיר איז דורכאויס נאטהיג אז די עטליכע ווארטער זאלען זיין געדרוקט,
יעבער פריינד. זאנסט ברענגט איהר מיר אין דער גראסטער פערלעגענהיים —
יך האב פארשפראכען סילוויאנען אז דאס וועט געוויסס געדרוקט ווערען

— נו, נוט נוט — האט פאנסעג געענטפערט אונ אין הארצען זיך געפרייט
ון באראנס שוואכקייט — קוים איז דאס אזוי וויכטיג, גיב איך אייך מיין עהרען
ארט אז עס וועט זיין אפגעדרוקט.

אללע גאסט זיינען שוין געקומען. אויסער זשעראר אונ דוטיל. די געזעלשאפט
איז אריבערגעגאנגען אין עס־צימער אונ פון אונטען, פון די באזאר־סאלאנען, האט
ען געהערט די קלעפ פון האמער וואס דער שפאלירער קלאפט, אויפצופוצען
י קראמליך.

דעם פריהשטיק האט מען גענעססען האפענדיג; עטליכע מאל זיינען אין
ער מיטט געקומען די בעדיענער פון אונטען, פראגען אונ אבגעבען רעכנונג וואו
י ארבייט האלט. מען האט געטראסקעט מיט די טהירען, די וואנד האבען
עציטטערט, די ארבייט האט געברענט. אללע זיינען געוועזן ווי אין פיבער. דאס
עשפראך ביים פריהשטיק איז געגאנגען אהן לאד, מען איז אריבערגעשפרונגען פון
איין זאך אויף דער צווייטער. דער גענעראל האט דערמאנט דעם קליעדראוואטעל
אמאדיא. פאר וואס ער איז נים געקומען. דארויף האט די באראנעססע
געענטפערט אז ער איז אזוי שמארק פארנומען אין געריכט, אז זי האט גאר נים
געוואלט איהם איינלאדען צום פריהשטיק. ד״ך האפפט זי, אז ער וועט היינט קומען
צופאהרען אונ מיטהעלפען צו דער צדקה־זאך. — פאנסעג האט זיך געבייצט מיט
דער פירשטין ראזעמאנדא פאר איהר קלייד פון פייער־קאליער; געוויס פיהלט זי
אין דעם קלייד דעם פייער פון גיהנום... באראן דיוויליאר איז געוועזן זעהר
פריינדליך אונ בעדיענט דער שוויינגעדיגער מאדאם פאנסעג, וואס איז געזעססען
נעבען איהם, אונ היאצינט האט גענומען ערקלערען דער פירשטין עפעס א פאקוט
פון א מאגיקער. קאמיללא, וואס איז יעצט געוועזן זעהר ערעגט אונ גליקליך,
האט פון צייט צו צייט געווארפען א ברענגענדיגען בליק אויף דער מוטער, וועלכע
איז אלץ מעהר אונרוהיג אונ טרויעריג געווארען. די שנאה צווישען די ביידע

— וָאס אִיז אַזוֹינְס ? וָואס אִיז אַייך ?

אָבֶער דֶערְזֶעהֶענְדִיג זַיין אויסגֶעקְרִימְט גֶעזִיכְט אוּנ וִוי עֶר בֶּעהַאלְט זִיךְ ווִי אַ וַואהנְזִינִיגֶער פוּן טוֹידְט-שְׁרֶעק, הָאט זִי אַוָואךְ גֶעגֶעבֶּען אַ בְּלִיק אוֹיפְ'ן אוֹיוֶועלֶע אוּנ בַּאלְד פַארְשְׁטַאנֶען דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע גֶעפַאהְר.

— נוּ, טָא וָואס אִיז ? דַאכְט זִיךְ גַאנְץ אֵיינְפַאךְ... גוּזְרֶעהֶען דֶעם צַאפֶּען, נִיט וַואהְר ?

נִיט חַאפֶּענְדִיג, גְלַייךְ וִוי ס'וָואלְט גָאר נִיט גֶעשֶׁעהֶן, הָאט זִי אַוֶועקְגֶעלֶעגְט דִי אַרְבֵּייט אוֹיפְ'ן טִישֶׁעל, אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ אַ דְרֶעה גֶעגֶעבֶּען דֶעם צַאפֶּען. אִיהר הַאנְד הָאט אֲפִילוּ קֵיין צִיטֶער נִיט גֶעגֶעבֶּען.

— אָט, אִיז אִין אָרְדְנוּנְג. פַאר וָואס, מַיין פְרַיינְד, הָאט אִיהר אַזוֹי נִיט גֶעטְהָן?

עֶר הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהר מִיט אַ אָפֶענֶעם מוֹיל אוּנ גֶעפִיהלְט אַ אַייזִינֶע קֶעלְט אִין גַאנְצֶען לַייבּ, גְלַייךְ וִוי דֶער טוֹידְט וָואלְט גֶעשְׁטַאנֶען עֶנְטְקֶעגֶען אִיהם. נָאכְדֶעם, אַז דָאס בְּלוּט אִיז צוּרִיק צוּגֶעפְלָאסֶען אִין זַיין גֶעזִיכְט אוּנ דֶער שְׁרֶעק אִיז אַרִיבֶּער הָאט עֶר אָפְּגֶעצוֹיגֶען דֶעם אָטְהֶעם, הֲגַם זַיין לַייבּ הָאט נָאךְ אַלְץ גֶעצִיטֶערְט.

— פַאר וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט אַ דְרֶעה גֶעגֶעבֶּען דֶעם קְרַאן ? וַוייל כ'הָאבּ מִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען.

אִין דֶער מִינוּט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען פְּיֶער מִיט מַארִי, עֶנְטְצִיקְט פוּן שְׁפַּאצִירֶער, פְלוֹידֶערְנְדִיג אוּנ לַאכֶענְדִיג. דִי דְרַייא בְּרִידֶער: טָאם, פְרַאנְסוּא אוּנ אַנְטוּאַן, וָואס זַיינֶען צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען פוּן גָארְטֶען, הָאבֶּען אָבְגֶעשְׁפַּאסְט פוּן זַיי אוּנ פֶערְזִיכֶערְט אַז פְּיֶער'ן הָאט אַ קוּה נָאכְגֶעיָאגְט. דֶערְזֶעהֶענְדִיג דָאס אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען גֶעזִיכְט פוּן פָאטֶער הָאבֶּען זַיי בַּאלְד אוֹיפְגֶעהֶערְט טְרַייבֶּען קַתָּבוֹת.

— קִינְדֶער, עֶרְשְׁט יֶעצְט בִּין אִיךְ גֶעוֶוען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער בַּעַל-פַּחְדָן... מֶערְקְוִוירְדִיג, צַייט אִיךְ לֶעבּ הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעפִיהלְט אַזַא שְׁרֶעק וִוי יֶעצְט.

אוּנ עֶר הָאט זַיי עֶרְצֶעהלְט דִי גֶעשִׁיכְטֶע וִוי נָאךְ אִין אַ סֶעקוּנְדֶע וָואלְט עֶר אוּנ דָאס גַאנְצֶע הוֹיז שׁוֹין אוֹיף דֶער וֶועלְט נִיט גֶעוֶוען. אוּנ נָאר דִי רוּהִיגֶע בָּאבּוּנְיוּ הָאט זַיי אַללֶעמֶען גֶערַאטֶעוֶועט פוּן זִיבֶּערֶען טוֹידְט. אַללֶע הָאבֶּען גֶעחַאפְּט קוּשֶׁען דֶער אַלְטֶער. מַארִי אִיז אִיהר אוֹיךְ גֶעפַאלֶען אוֹיפְ'ן הַאלְז אוּנ גֶעקוּשְׁט מִיט לִיבְּשַׁאפְט אוּנ מִיט טְרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען.

בַּיים טִישׁ, אַז מֶען הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט עֶנְדְלִיךְ צוּם פְרִיהשְׁטִיק, הָאט גִילְיָאם ווִיעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֵיידֶען וֶועגֶען זַיין שְׁרֶעק. עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין גֶעוואוּנְדֶערְט אוּנ גֶעשֶׁאמְט, וִוי קוּמְט צוּ אִיהם אַזַא שְׁוַואכְקַייט. אִיבֶּערְהוֹיפְּט בֶּעמֶערְקְט עֶר אִין זִיךְ דִי לֶעצְטֶע צַייט אַ מִין פַארְזִיכְטִיגְקַייט, וֶועהרֶענְד פְרִיהֶער הָאט עֶר גָאר קֵיינְמָאל נִיט גֶעטְרַאכְט וֶועגֶען טוֹידְט. פוּן וַואנֶען נֶעהְמְט זִיךְ בַּיי אִיהם אוֹיף דֶער עֶלְטֶער אַזַא בֶּעגֶעהר צוּם לֶעבֶּען ? פַאר וָואס ווִילל עֶר אַזוֹי הַיים לֶעבֶּען ?

— דָאס אִיז אַלְץ צוּלִיעבּ אַייךְ, מַארִי, בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען אַזוֹי שְׁרֶעקֶענְדִיג. אוֹיבּ

עצט בין איך שוין ניט אזא סמיעלער יונג ווי פריהער, איז עס דערפאר וואס איך געזיטץ יעצט א אוצר, מיט וועלכען כ'האב מורא צו ריזיקירען. אט היינט, ביים געדאנקען אז מיר אללע וועלען געהרגעט ווערען, האב איך אייך דערזעהן, און דער שרעק צו פארליערען אייך, האט מיך געשמידט און פאראליזירט.

מארי האט זיך פרעהליך צולאכט. זעהר זעלטען פלעגט ער געבען אנצוגעהעניש פון זייער באלדיגער חתונה, אבער שטאנדיג פלעגט זי דאס אויסהערען מיט א גליקליכער מינע.

— שוין ניט מעהר ווי זעקס וואכען בלייבט אונז צו ווארטען — האט זי זיך אבגערופען איינפאך.

די באבוניו, וועלכע האט די גאנצע צייט קיין אויג ניט ארובגעלאזט פון זיי, האט א קוק געגעבען אויף פיער'ן. דער האט געהערט און געשמייכעלט.

— ווירקליך — האט די באבע זיך אנגערופען — איבער זעקס וואכען וועט איהר שוין חתונה האבען. הייסט עס, האב איך גוט געטהון, ניט דערלאזען דאס הויז זאל צושאסען ווערען.

יענעם טאג האט פ י ע ר געפיהלט א שרעקליכע פרעססונג אויפ'ן הארצען. איהם האבען געקלונגען אין די אויערען מ א ר י'ס ווערטער „שוין ניט מעהר ווי זעקס וואכען בלייבט אונז צו ווארטען". יא, אין זעקס וואכען ארום וועט זי שוין זיין פארהייראטעט. איהם האט געדאכט, אז פריהער האט ער דאס גאר ניט געוואוסט און קיינמאל וועגען דעם ניט געטראכט. אויף דער נאכט, אין דער היים, האט ער פארבראכט א שרעקליכע נאכט. דיעזע ווערטער האבען איהם געריססען, דערשלאגען. פאר וואס האט ער פריהער ניט געליטטען און זאגאר געהערט די ווערטער מיט א שמייכעל? ווי קומט צו איהם יעצט דער שמערצען, דער שטארקער, אונערבארמיגער הארצוועהטאג? פלוצלינג איז אין זיין קאפ געבוירען געווארען א געדאנקען וועלכער האט איהם געטראפפען ווי א דונער. ער ליעבט מ א ר י, ליעבט זי ליידענשאפטליך, שטארבט פון ליעבע צו איהר...

... און וואס איז מיט גיליאמען? פאר פ י ע ר ס אויגען איז אויסגעוואקסען די פיגור פון ברודער וועלכער האט איהם פארגאטטערט, אריינגעפיהרט אין זיין הויז וואו ס'בליהט ארבייט, פריעדען און ליעבע, כדי איהם אויסהיילען. אויך מיט מארי איז ער בעקאנט געווארען ווייל גיליאם האט דאס פערלאנגט. אין זעקס וואכען ארום בעדארף דער ברודער חתונה האבען מיט'ן יונגען פריילין. ווי א מעססער וואלט אריינגעשטאכען אין פיערס הארצען. בעססער שטארבען איידער אימעצער זאל זיך דערוויסען פון זיין ליעבע צום ברודערס כלה. בעססער איבערטראגען די ערגסטע יסורים איידער א סעקונדע אפילו מצער זיין אזא טהייערען ברודער. בעססער צוריק אנטהון דעם גייסטליכען מאנטעל, פיהרען א וויסט, א פינסטער לעבען ווי א מאל, איידער צונעהמען דאס טהייערסטע פון אזא זעלטענעם, טהייערען ברודער...

ס'איז וויעדער געוואָרען אַ שרעקליכע מלחמה אין זיין האַרצען. פּלוצלינג האָט אַ פרישער רעיון איהם פאַרדוללט. וואָס איז איהם אַזוי שווער אָפּצוזאָגען זיך פון לעבען, וואָס ראַנגעלט ער זיך אַזוי, מאַרי האָט דאָך איהם סיי ווי סיי ניט ליעב? היינט ביים שפּאַצירען איז דאָס מיידעלע ניט געשעהן וואָס זאָל איהם געבען דאָס רעכט צו גלויבען, אַז זי בעהאַנדעלט איהם אַנדערש ווי אַ ליעבע גוטע שוועסטער. ס'איז געוויס, זי ליעבט גיליאַמען... ער האָט פאַרשטעקט דעם קאָפּ אין קישען, פאַרשטיקט די טרערען און געגעבען אַ שבועה זיך בעהערשען און זיין צופריעדען פון זייער גליק...

---

IV.

צוויי טאָג נאָכדעם איז פּיער געוועזען פאַרשפּאַרט אין זיין איינזאַמען צימער. איינמאָל אין דער פריה, ווען ער איז נאָך געלעגען אין בעט אַ צושלאָגענער, האָט ער צו זיין גרויס ערשטוינען דערזעהן ווי גיליאַם קומט אַריין.

— וואָס זאָל מען טהון? אַז דו האָסט אונז אַוועקגעוואָרפען, האָב איך אַליין געמוזט קומען. איך וויל געהן מיט דיר אויף סאַלוואָס פּראָצעס, וואָס בעדאַרף היינט זיין. ס'איז מיר זעהר שווער געווען צו בעקומען צוויי ערטער. שטעה אויף געשווינדער, אויב'ן וועג וועלען מיר איבערבייסען און קומען אין געריכטס-הויז בעצייטענס.

גיליאַם איז געוועזען עפּעס פאַרזאָרגט, פאַרפינסטערט, גלייך ווי אַ באַזונדער גע-דאַנקען וואָלט איהם געדריקט. ווען פּיער האָט זיך גענומען געשווינד אָנטהון האָט גיליאַם איהם אָנגעהויבען פאַנאַנדערפרעגען:

— פאַר וואָס ביסטו אויף אונז אין כעס?

— ווער איז אין כעס? וואָס פאַלט דיר איין?

— פאַר וואָס אַלזאָ האָסטו אויפגעהערט קומען? מיר זיינען געוואוינט געוואָרען זעהען דיך יעדען טאָג און מיט אַמאָל ווערסטו פערשוואונדען.

פּיער האָט אומזאָנסט אויסגעזוכט עפּעס אַ אויסרייד. זיין צער איז איהם קענטיג געוועזען אויפ'ן פּנים.

— איך האָב געהאַט אַ אַרבייט... אָבער וואָס טויג דאָס רעדען... וויעדער זענען מיך בעפאַללען חושך'דיגע מחשבות. צו וואָס זאָל איך קומען און אייך נאָר טרויעריג מאַכען?

גיליאַם האָט מיט פערדרוס אַ ציה געגעבען מיט די אַקסלען.

— און דו מיינסט אַז ווען דו קומסט ניט וועלען מיר שוין זיין פריילאך — פאַרגעסטערן האָט די שטענדיג געזונטע און גליקליכע מאַרי געהאַט אַזאַ שרעק-ליכען קאָפּשמערץ, אַז אַ גאַנצען טאָג איז זי ניט אַרויס פון שלאָף-צימער. אפילו בעסטערן איז זי געוועזען ניט מיט אַללעמען... זי איז געוואָרען אַזאַ נערוועזע. אַזאַ

שינגענדיגע. מִיר אַללֶע הָאבֶּען שְׁלֶעכְט פַארְבְּרַאכְט דֶעם טָאג.

עֶר הָאט דֶעם בְּרוּדֶער גֶעקוּקְט גְלַייךְ אִין גֶעזִיכְט מִיט זַיינֶע עֶהְרְלִיכֶע אוֹיגֶען. אַ וֶועלְכֶע ס'אִיז דַייטְלִיךְ קֶענֶנְטִיג גֶעוֶועזֶען אַ חְשַׁד...

פְּיֶער, וֶועלְכֶער אִיז אוֹיפְגֶערֶעגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ מַארִי'ס אוּנְרוּהִיגְקַייט אוּנ הָאט מוֹרָא גֶעהַאט, נִיט אַרוֹיסגֶעבֶּען זַיין גֶעהֵיימְנִים, הָאט דָאס מָאל גֶעטְרָאפֶען זֶעען אַ לִיגֶען:

— יָא, זִי אִיז פְרִיהֶער אוֹיךְ נִיט גֶעוֶועזֶען מִיט אַללֶעמֶען, וֶוען מִיר זַיינֶען גֶעפָאהְרֶן אוֹיפְ'ן וֶועלָאסִיפֶּעד. אוּנ אִיךְ הָאבּ אִין אֶמֶ'תְן גֶעהַאט אַ נֶאטְהִיגֶע אַרְבֵּייט, וֶועלְכֶע כְ'הָאבּ נִיט גֶעקָאנְט אָפְלֵייגֶען אוֹיף שְׁפֶּעטֶער. אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מִיךְ נָארְ'ם גֶעקְלִיעבֶּען אוֹיפְשְׁטֶעהְן אוּנ גֶעהְן צוּ אַייךְ, זִיךְ נֶעהמֶען צוּ מַיין גֶעוֶואהְנְלִיכֶער אַרְבֵּייט.

גִילְיָאם הָאט נָאךְ אַ מִינוּט שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט דֶעם בְּרוּדֶער, נָאכְדֶעם אָנְגֶעהֵייבֶּען פְּיינְדְלִיךְ רֶעדֶען פוּן עֶטְוָואס אַנְדֶערְשׁ, דָאךְ אִיז אוֹיף אִיהם קֶענְטִיג גֶעוֶועזֶען אַז עֶר אִיז עֶפֶּעס שְׁטַארְק פֶערְזָארְגְט, אַזוֹי אַז פְּיֶער פוּן זַיין זַייט הָאט אִיהם גֶענוּמֶען פְרֶעגֶען:

— בִּיסְט עֶפֶּעס נִיט גֶעזוּנְד? מִיר שַׁיינְט, דוּ הָאסְט פֶערְלָארֶען דַיין שְׁטֶענְדִיגֶע רוּהִיגְקַייט.

— אִיךְ? אָ נֵיין, כְ'בִּין נִיט קְרַאנְק, נָאר דַאכְט זִיךְ כְ'הָאבּ וִוירְקְלִיךְ פֶערְלָארֶען מַיין גֶעוֶואהְנְלִיכֶע גַייסְטִיגֶע רוּהִיגְקַייט. סַאלְוָואס פְּרָאצֶעס בְּרֶענְגְט מִיךְ פוּן דִי כֵּלִים אַרוֹיס, דָאס וֵוייסְט דוּ. מִיךְ קְרֶענְקְט זֶעהֶענְדִיג מִיט וֶועלְכֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקַייט אַללֶע פַאלְלֶען אוֹיף דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען.

דִי בְּרִידֶער זַיינֶען אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען אִין גֶערִיכְטְס־הוֹיז, וֶועלְכֶעס אִיז שׁוֹין לַאנְג גֶעוֶוען פוּלל, אָנְגֶעפַּאקְט מִיט מֶענְשֶׁען. דָארְט הָאבֶּען זַיי אָפְּגֶעזוּכְט צְוַויי אָרְטֶער נָאהְ'ן לֶעצְטֶען בַּאנְק אִין דֶער אָבְּטְהֵיילוּנְג פוּן דִי עֵדוּת. זֶעצֶענְדִיג זִיךְ הָאט גִילְיָאם בֶּעמֶערְקְט דֶעם קְלֵיינֶעם וִויקְטָאר מַתִּית, וֶועלְכֶער זִיצְט הִינְטֶער אִיהם נֶעבֶּען דִי פְּרַאכְטֶען, אָנְגֶעשְׁפַּארְט דִי מָארְדֶע אוֹיף בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ דִי אוֹיגֶען בְּרֶענְנֶען אוֹיפְ'ן בְּלַאסֶען פָּנִים מִיט דִי דִינֶע לִיפֶּען. פְּיֶער הָאט דֶערְוַוייל בֶּעמֶערְקְט פָארֶענְט דֶעם בְּלֶענַאנְטֶען שֶׁאנֶעם רֶעפּוּטַאט דוּטִיל מִיט דֶער קְלֵיינֶער פִּירְשְׁטִין רָאזֶעמָאנְדַרָא, גֶעצֶען אוּנ פְלוּידֶערְן אוּנ לַאכֶען פְרֶעהְלִיךְ. זַיי זַיינֶען גֶעקוּמֶען אַהֶער וִוי אִין אַ טְהֶעאַטֶער, אוּנ אֵיידֶער דִי סְצֶענֶע וֶועט זִיךְ אָנְהֵייבֶּען, הָאט דִי פִּירְשְׁטִין גֶענוּמֶען זוּכֶען אִין זַאל בֶּעקַאנְטֶע.

— זֶעהְט, אָט דָארְט, הִינְטֶער דִי שְׁטוּהְלֶען פוּן דִי רִיכְטֶער, זִיצְט, דַאכְט מִיר, אַ נֶסֶעג. נִיט וַואהר? נֶעבֶּען דֶער גְרָאבֶּער דַאמֶע מִיט דֶער גֶעלֶער קְלֵייד. אוּנ דָארְט וַוייטֶער אִיז אוּנְזֶער פְרֵיינְד, גֶענֶערַאל בֶּעזָאנְגֶע... אָבֶּער פַאר וָואס זֶעהְט מֶען נִיט דֶעם בַּארָאן דִיוּוִילַאר?

— אַךְ, וָואס רֶעדְט אִיהר? — הָאט דוּטִיל גֶעעֶנְטְפֶערְט — עֶר קֶען נִיט זַיין, לַייט

זאלען ניט מיינען ער איז געקומען זוכען נקמה.

דער דעפוטאט האט אנגעהייבען פון זיין זייט זי פאנאנדערפראגען.

— זייט איהר ניט צופריעדען מיט אייער שאנעם פריינד האציגט? זאגט וואלט איהר, וואהרשיינליך, מיר ניט געמאכט היינט דאס פערגניגען, אויסקלייבען מיך פאר אייער קאוואליער;

זי האט א לייכטען ציה געגעבען מיט די אקסלען און מודה געווען, אז די ריכטער זיינען איהר שוין דערעסען געווארען. יעצט בעשעפטיגט זי זיך מיט פאליטיק. אט איז שוין גאנצע אכט־טאג אז זי אינטערעסירט זיך שטארק מיט דעם קריזיס פון מיניסטעריום...

— איהר ווייסט — האט די פירשטין ווייטער געזאגט — די זאך איז שוין געווארען אבגעמאכט, ז׳שעראר האט חתונה מיט קאמילל א׳ן. די באראנעססע איז מרוצה געווארען, און איך ווייס פון א זיכערער קוועלע אז אפילו די גראפין דע קענבאק, דעם יונגענמאנס מוטטער, האט אויך איינגעווילליגט אויפ׳ן שדוך.

דוטיל האט אנגעהויבען לאכען.

— יא, ווי דען, איך האב אויך געהערט. די חתונה וועט זיין גאר אין גיכען, אין דער קירכע סאן־מאדאלען, מיט אזא גרויס פאראד, אז פאריז וועט לאנג האבען וואס צו רעדען. אין גרונד איז דאס ווירקליך א גלייכע פארטיע...

— און דער באראן? וואס זאגט ער?

— ער איז ענטציקט. איהר האט געזעהן היינט אין צעטטעל פון די נייע מיניסטארען, אז דאוערן ווערט מיניסטער פון פאלקס־בילדונג? יעצט וועט מען סילוויאנען שוין געוויס אריינגעהמען אין טהעאטער „פראנצאזישע קאמעדיע“. צוליעב דעם האט מען מאקי אויסגעקליעבען דאווערן...

— אך, זעהט נור! — האט די פירשטין אויסגעשריען — דארט שיינט מיר איז זי מאקי, סילוויאנא! אט זעצט זי זיך נעבען פאנסעגען.

— סילוויאנאס מיניסטעריום! זי מאג היינט טריאומפירען!

אין זאל איז פלוצלינג דורכגעפלויגען א ציטטער. עס זיינען אריין די ריכטער און באלד נאכדעם האבען די זשאנדארען אריינגעפיהרט דעם בעשולדיגען סאלנאוא. אללע זיינען אויפגעשטאנען, זיך געשטופט, זעהען דעם בעריהמטען פארברעכער. ער איז געגאנגען אנגעטהון זיין אלטע היטטעל מיט דעם ברייטען, צוריסענעם פאלטא, וועלכען מתית האט איהם געגעבען. דאס געזיכט איז ווייס, אויסגעמאגערט, דער־שלאגען און פארומערט, די געלע שיטטערע האר זיינען עטוואס גרוי, און די שאנע בלויע אויגען קוקען גוטהערציג, פארטראכט. ער האט א בליק געגעבען אויפ׳ן גאנצען זאל און געשמייכעלט — וואהרשיינליך האט ער בעמערקט וויקטאר׳ן און אפשר אויך גיליאמען. נאכדעם איז ער געבליבען שטעהן רוהיג, זיך מעהר קיין ריהר ניט געטהון.

דער סעקרעטאר האט פארגעלעזען דעם לאנגען בעשולדיגונגס אקט, נאכדעם

האט אָנגעהויבּען דאס פאַרהערען . אויף די פראַגען האט סאַלוואַ געענטפערט מיט אַ
זיעדען קול , אָבער מיט גרויס דרך־ארץ . ער האט זיך אין אַלסדינג מודה געוועזען און
נרקלערט , אַז ער האט עקסטרא אויסגעקליבען דיוויליאַרס פּאַלאַץ , אונטערלייגען
יארט די באָמבּע , כּדי איבּערשרעקען די רייכע , וועלכע האבען אָנגעקליעבען זייער
געלט דורך שווינדעל און גנבה — דערמאָנען זיי , זיי זאָלען חאטש אַ קליין טהייל פון
זייער פאַרמעגען אָפּגעבען די אָרימע לייט , אומגליקליכע בעלי־מלאכות , וואס שטאַר־
בען מיט ווייב און קינדער פאַר הונגער .

— איהר זייט אָבער ענטלאָפען ! — האט דער פאָרזיצענדער געזאָגט — פאר
וואס־זשע ווילט איהר אייננרעדען אַז איהר האט מפקיר געווען אייער לעבען פאַר דער
אידעע צו העלפען דער וועלט ?

סאַלוואַ האט טאַקי שרעקליך חרטה געהאט , וואס אין בולאָנער וואַלד איז
ער געווען אַזאַ שרעקעדיגער און געלאָפען פון די פּאָליציאַנטען .

— פאַר׳ן טוידט האב איך קיין מורא ניט ; איהר וועט זעהן . ווען אַלע זאָלען
זיין אַזוי בריה׳ש ווי איך , וואָלט נאָך מאָרגען פון אייער פאַרפוילטער געזעללשאַפט
ניט געבּליעבען קיין זכר און עס וואָלט ענדליך געקומען אַ גליקליכע צייט אויף דער
וועלט .

וואו ער האט גענומען דעם פולווער צו דער באָמבּע האט סאַלוואַ בשום אופן
ניט געוואָלט זאָגען .

— זוכט אַליין , אויב איהר גלויבט מיר ניט ... מיינע חברים וועל איך ניט
אַרויסגעבען .

דער פאָרזיטצענדער האט אָנגעהייבען רעדען וועגען דער געהרגעטער מיידעל ,
די שאנע בלאָנדע מאָדיסטקע , וועלכע דער שיקזאַל האט פונקט בשעת דער קאַטאַס־
טראָפע געבראַכט אין טויער פון דיוויליאַרס פּאַלאַץ .

— איהר האט אומגעבראַכט אַ מענשען פון אייער קלאַססע , אַ אָרימע אַרבּייטערין
וועלכע האט מיט איהרע אָרימע פאַרדינסטען אויסגעהאַלטען אַ אַלטע באָבּע .

סאַלוואַן האבען די ווערטער געשטיקט אין האַלז .

— אמת , דאס איז דאס איינציגע אויף וועלכע מיר טהוט באַנג ... געוויס , ניט
פאר איהר איז געמאַכט געוועזען מיין באָמבּע . לאָזען־זשע אַלע אָרימע , אַלע
וואס אַרבּייטען שווער און ביטער געדענקען , אַז זי האט פאַרגאָססען איהר בלוט .
אַזוי ווי איך וועל פערגיססען מיין בלוט .

אין זאַל איז געוועזען אַ שרעקליכע אויפרעגונג .

יעצט האט מען אָנגעהייבען אויספרעגען די עדות . נאָכדעם האט גערעדט
דער פּראָקוראָר און פאָרגעשטעללט סאַלוואַן ווי אַ שרעקליכען טייוועל . דער
אַדוואָקאַט וויעדער האט געזוכט אויסצווייזען , אַז סאַלוואַן האט די אָרימקייט , די
שרעקליכע נויטה געטריבען צו טהון דעם פאַרברעכען . ניט ער איז שולדיג נאָר די
געזעללשאַפט , אין וועלכער אָרימע אַרבּייטער געהען אַרום הונגעריגע און זוכען זיך

נוּקַם זַיין פוּן דִי רַייכֶע. עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען דִי גֶעשְׁוָוארֶענֶע אִין נָאמֶען פוּן מֶענְשֶׁען-לִיעבֶּע, זַיי זָאלֶען נִיט הֶארֶען דִי אַייגֶענֶע לַיידֶענְשַׁאפְטֶען אוּנ נִיט וָואס דָאס פּוּבְּלִיקוּם צְווִינְגְט זַיי, אוּנ אַרוֹיסגֶעבֶּען אַ קְלוּגֶען פְּסַק, וֶועט זַיין בֶּעססֶער אֵיידֶער פַארלֶענְגֶערן נָאר אָהְן אַ סוֹף דִי מִלְחָמָה אוּנ אוֹיפְרֵייצֶען דִי אָרִימֶע קְלַאססֶע מִיט אַ נַייעֶם קָרְבָּן, פַאר וֶועלְכֶען זַיי וֶועלֶען גֶעוִויס זוּכֶען נְקָמָה.

אִין אָוֶוענְד אִיז דֶער פְּרָאצֶעס גֶעעֶנְדִיגְט גֶעוָוארֶען. מֶען הָאט סַאלְוַואן פַאר־מִשְׁפָּט—צוּם טוֹידְט.

דָאס פּוּבְּלִיקוּם אִיז זִיךְ צוּנַאנְגֶען. פְּיֶער הָאט בֶּעגְלֵייט דֶעם טְרוֹיעֶרִיגֶען בְּרוּדֶער אַהֵיים.

נִיט וַוייט פוּן טַייךְ הָאט גִילְיָאם דֶערְזֶעהֶן פַאר זִיךְ דֶעם קְלֵיינֶעם ווִיקְטָאר, ווִי עֶר גֶעהְט אַלֵיין אִין דֶער פִינְסְטֶער. עֶר הָאט דֶעם יוּנְגֶען מֶענְשֶׁען אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ אָנְגֶעהֵייבֶּען רֶעדֶען וֶועגֶען זַיין מוּטֶער. ווִיקְטָאר הָאט אָבֶּער ווִי נִיט גֶעהֶערְט, אוּנ אָנְשְׁטָאט אַ עֶנְטְפֶער הָאט עֶר אַרוֹיסגֶערֶעדְט מִיט אַ טְרוּקֶענֶעם, ווִי אַ מֶעססֶער שַׁארְפֶען קוֹל:

— אַ! זַיי ווִילֶען בְּלוּט... לָאזֶען זַיי אִיהם שֶׁעכְטֶען, מִיר וֶועלֶען זִיךְ נוֹקֵם זַיין בְּלוּט.

---

עֶטְלִיכֶע טֶאג זַיינֶען אַרִיבֶּער. אִין דֶער גֶערוֹימִיגֶער מַייסְטֶער-שְׁטוּבּ, וואו סְ'אִיז שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶועזֶען לִיכְטִיג אוּנ פְרֶעהְלִיךְ, אִיז יֶעצְט גֶעוֶועזֶען שְׁטִילל אוּנ אוּמֶעדִיג. דִי דְרַייא עֶרְוַואקְסֶענֶע זִיהְן זַיינֶען מֵייסְטֶענְס נִיט גֶעוֶועזֶען אִין דֶער הֵיים; טָאם אִיז בַּאלְד אִין דֶער פְרִיה אַוֶועק אִין פַאבְּרִיק, עֶנְדִיגֶען זַיין קְלֵיינֶע בֶּעוֶועגוּנְגס-מַאשִׁינֶע. פְרַאנְסוּאַ אִיז פַארְנוּמֶען גַאנְצֶע טֶאג מִיט דִי עֶקְזַאמֶענְס, אוּנ אַנְטוּאַן הָאט אָנְגֶענוּמֶען אַרְבֵּייט בַּיים סְקוּלְפְּטָאר שַׁאהַאן, וַוייל אַהִין הָאט אִיהם גֶעצוֹיגֶען זַיין לִיעבֶּע צוּ דֶער קְלֵיינֶער לִיזַא, דֶעם סְקוּלְפְּטָאר'ס שְׁוֶועסְטֶער. מִיט גִילְיָאמֶען אִיז נָאר גֶעבְּלִיבֶּען דִי בָּאבֶּע, וֶועלְכֶע אִיז אִימֶער גֶעזֶעססֶען בַּיים פֶענְסְטֶער מִיט אַ אַרְבֵּייט אִין הַאנְד. מַארִי הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֶעהְט הִין אוּנ צוּרִיק אִיבֶּער'ן הוֹיז אוּנ אִיז גֶעזֶעססֶען אִין מַייסְטֶער־שְׁטוּבּ נוּר אִין דִי שָׁעה'ן וֶוען פְּיֶער אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען. — גִילְיָאם אִיז שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶועזֶען פַארְטְרַאכְט אוּנ טְרוֹיעֶרִיג...

אַיינְמָאל אִין אַ זֶעלְטֶען שֶׁאנֶעם פְרִיהמָארְגֶען, בְּלַייבֶּענְדִיג אַלֵיין מִיט דֶער בָּאבֶּע, הָאט גִילְיָאם נָאךְ טְרוֹיעֶרִיגֶער אוּנ פִינְסְטֶערֶער אוֹיסְגֶעזֶעהְן ווִי בִּיז אַהֶער.

— גִילְיָאם, וָואס אִיז מִיט אַייךְ?—הָאט דִי אַלְטֶע גֶעפְרֶעגְט — פוּן אַ גֶעווִיסֶע צַייט אִיז אַייךְ גָאר נִיט צוּ דֶערְקֶענֶען. פַאר וָואס זָאגְט אִיהר מִיר נִיט וָואס אַייךְ דְרִיקְט?

— עֶר הָאט אַ פֶערְוואוּנְדֶערְטֶער גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהר;

— וָואס דְרִיקְט מִיךְ דָען?

— אה, איך ווייס פון וואס איהר האט שמערצען אונ כ'האב געגלויבט אז איהר וועט זיך דורכשמועסען מיט מיר. קיינער אין גאנצען הויז טהוט דאך ניט די מינדסטע זאך, ניט פרענענדיג מיין עצה.

ער איז שרעקליך בלאסס געווארען אונ אנגעהייבען ציטטערן — ער האט אלזא קיין טעות ניט געהאט, אפילו די באבע ווייס שוין אויך דערפון... ווי קענן ער אבער איהר אויפדעקען זיינע פארבארגענע יסורים, פון וועלכע ער האט ביז יעצט מורא געהאט אפילו צו טראכטען?

— מיין זוהן, אזוי האט געמוזט געשעהן. איך האב עס ארויסגעזעהן באלד פון די ערשטע טאג. כ'האב אייך ניט געווארענט פריהער ווייל כ'האב געגלויבט אז דאס איז געוועזן אייער פלאן, אבער זעהענדיג נאכדעם ווי איהר ליידט, האב איך ערשט פארשטאנגען אז כ'האב מיך שטארק טועה געוועזען.

ער האט פון איהר קיין אויג ניט אראפגענומען אונ געציטטערט אין גאנצען לייב.

— יא, איך האב געמיינט אז אייך געפעללט עס; איהר האט עקסטרא אריינגענומען דעם ברודער כדי זיך איבערצייגען, אויב מארי ליעבט אייך אנדערש ווי א פאטער... איהר זייט אזוי פערשיעדען אין די יאהרען: פאר אייך ענדיגט זיך שוין דאס לעבען אונ פאר איהר הויבט זיך יעצט אן... א חוץ וואס איהר זייט א געלעהרטער מאנן אונ האט פאר זיך א גרויסען ציעל, בעגליקען די וועלט מיט אייער וואונדערליכע ערפינדונג...

ער האט אויפגעלייגט די האנד ווי צו א געבעט, צוגענאנגען צו איהר אונ געזאגט מיט הארץ:

— א, רעדט דייטליכער, זאגט מיר אלסדינג וואס איהר טראכט... איך פארשטעה גאר ניט; מיין ארעם הארץ איז אין גאנצען צובראכען, צופליקט, אונ איך וואלט גערן וויסען, טהון, זיך בעשליססען... אייך ליעב איך, שעץ אייך ווי א אייגענער מוטטער; אייער גלייכען שכל, אייער קלארען פערשטאנד גלויב איך מעהר ווי אליין אויף דער וועלט — איהר האט פאראויס געזעהן די שרעקליכע זאך אונ דאך האט איהר צוגעלאזט, עס זאל געשעהען, אבוואהל איך קענן דערפון שטארבען!... פאר וואס, פאר וואס, זאגט — פאר וואס האט איהר דאס דערלאזט?

— צו וואס טויג דאס רעדען — האט זי שטילל געזאגט אונ ניט אויפגעהערט איהר ארבייט — אז די פאקטען רעדען אליין פאר זיך? געוויס, איך האב מסכים געווען צו אייער התונה, ווייל אז מארי זאל בלייבען דא אין הויז, האט זי געמוזט ווערען אייער ווייב. דערביי איז געוועזן נאך אנדערע אורזאכען, פון וועלכע עס לאהנט ניט צו רעדען... אבער מיט פיער'ס אריינקומען איז אלסדינג אנדערש געווארען, דורך איהם איז ערשט געווארען א רעכטע ארדנונג. איז דען ניט בעססער אזוי?

— בֶּעססֶער, זָאג אִיךְ מוּטשֶׁע מִיךְ, שְׁטַארְבּ אוּנ מַיין לֶעבֶּען אִיז פֶערְלָארֶען!
זִי הָאט אויפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן אָרְט אוּנ צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם, שְׁטְרֶענְג, שְׁטָאלְץ, מִיט דֶעם בְּלַאססֶען, עֶנֶערְגִישֶׁען אוּנ עֶרְנְסְטֶען גֶעזִיכְט.

— זוּהְן מַיינֶער, אִיהר וַוייסְט זֶעהְר גוּט, וִוי אִיךְ לִיעבּ אַייךְ אוּנ ווילל אַייךְ זֶעהְן שְׁטָאנְדִיג אַיידֶעל, פַיין אוּנ עֶרְהַאבֶּען... עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג זַייט אִיהר פְלוּצְלִינג גֶעוָוארֶען אָפְּעָנְדִיג אוּנ אוּנְזֶער גַאנְץ הויז אִיז שִׁיער נִיט צוּפְלוֹיגֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער לוּפְטֶען... שׁוֹין עֶטְלִיכֶע טֶאג זִיצְט אִיהר אַ צוּטְרָאגֶענֶער אִיבֶּער די פַּאפִּירֶען אוּנ צַייכְנוּנְגֶען, וִוי אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט זַיין גַאנְצֶען מוּטְה פֶערְלָארֶען אוּנ וַויים נִיט וָואס צוּ טְהוּן... גְלוֹיבְּט מִיר, אִיהר זַיינְט אויף אַ שְׁלֶעכְטֶען וֶועג... לָאז פְּיֶער חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט מַארִי'ן — וֶועט זַיין בֶּעססֶער פַאר זֵיי אוּנ פַאר אַייךְ.

— פַאר מִיר? אָ נֵיין, נֵיין!... וָואס וֶועט פוּן מִיר וֶוערֶען?

— בֶּערוּהִיגְט אַייךְ, זוּהְן מַיינֶער, אוּנ בֶּעטְרַאכְט אַייעֶר לַאגֶע. אִיהר בֶּעדַארְפְט אִין גִיכֶען עֶנְטְדֶעקֶען דֶער וֶועלְט אַייעֶר גְרוֹיסֶע עֶרְפִינְדוּנְג, אַייעֶר צִיעל אִיז אַ הֶאבֶּערֶער, אִיהר בֶּעדַארְפְט שְׁטְרֶעבֶּען צוּ אַ עֶרְהַאבֶּענֶעם תַּכְלִית... לַיידְט שְׁמֶערְצֶען, אָבֶּער בְּלַייבְּט אַ מֶענְשׁ, וָואס לֶעבְּט פַאר זַיין אִידֶעֶע.

נָאכְדֶעם, אַוֶועקְגֶעהֶענְדִיג פוּן אִיהם, הָאט זִי מִיט אַ מוּטֶערְלִיכֶען שְׁמֵייכֶעל גֶעזָאגְט, צוּ פַארְגְלֶעטֶען אַ בִּיסֶעל אִיהר פְרִיהֶערִיגֶע הַארְטְקַייט:

— אוּמְזָאנְסְט צְווִינְגְט אִיהר מִיךְ. אִיךְ זָאל אַייךְ אַללֶעס אַרוֹיסְזָאגֶען. אִיךְ בִּין וָועגֶען אַייךְ רוּהִיג. אִיהר זַייט גֶעוֶוען אֶדֶעל אוּנ גוּט, אוּנ וֶועט אַייךְ גֶעוִויס אויפְפִיהרֶען וִוי דִי גֶערֶעכְטִיגְקַייט אוּנ דִי פְלִיכְט פָאדֶערְט; וֶועט טְהוּן דָאס, וואס אַ נֶ'אַנְדֶערֶער אויף אַייעֶר אָרְט וֶועט נִיט טְהוּן...

בְּלַייבֶּענְדִיג אַלֵיין אִיז גִילְיָאם ווייטֶער פֶערזוּנְקֶען אִין פִינְסְטֶערֶע גֶעדַאנְקֶען...

אויפְ'ן דְרִיטֶען טָאג אִין דֶער פְרִיה, אִיז מַארִי גֶעוֶוען זֶעהְר פְרֶעהלִיךְ. גֶעסְטֶערְן הָאט זִי צוּזַאמֶען מִיט פְּיֶער אוּנ אַנְטוּאַן גֶעמַאכְט אַ לַאנְגֶען שְׁפַּאצִיער אויפְ'ן וֶועלָאסִיפֶּעד. זֵיי זַיינֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען זֶעהְר מִיעד, אָבֶּער עֶנְטְצִיקְט פוּן דֶער רַייזֶע. וֶוען גִילְיָאם הָאט זִי אָפְּגֶעשְׁטֶעללְט אִין גָארְטֶעל אִיז זִי גֶעגַאנְגֶען זִינְגֶענְדִיג, מִיט פַארְקָאטְשֶׁעטֶע אַרְבֶּעל קוּמֶענְדִיג פוּן וַואשְׁצִימֶער, וואו ס'הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט דָאס גֶעוֶועשׁ.

— אִיהר ווילְט מִיר עֶפֶּעס זָאגֶען, פְרַיינְד מַיינֶער?

— יָא, לִיעבֶּעס קִינְד, מִיר בֶּעדַארְפֶען זִיךְ דוּרְכְרֶעדֶען פוּן גַאנְצֶען הַארְצֶען!

זִי הָאט בַּאלְד פַארְשְׁטַאנֶען, אַז עֶס הַאנְדֶעלְט זִיךְ וָועגֶען זַייעֶר חֲתוּנָה אוּנ אִיהר גֶעזִיכְט אִיז מִיט אַמָאל גֶעוָוארֶען עֶרְנְסְט. שׁוֹין לַאנְג אִיז זִי מְרוּצָה גֶעוָוארֶען אויף דֶער פַּארְטְיֶע, וַוייל דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער אַיינְצִיגֶער גְלַייכֶער וֶועג, וֶועלְכֶער אִיז אִיהר גֶעבְּלִיעבֶּען אִין לֶעבֶּען. אֶמֶת זִי גֶעהַסְט פַאר אַ מַאנְן אַ מֶענְשֶׁען, וָואס אִיז מִיט צְוַואנְצִיג יָאהְר עֶלְטֶער פוּן אִיהר, אָבֶּער אַזָאלְכֶע פַּארְטִיֶען זַיינֶען קֵיין נַייעֶס נִיט, זֵיי בֶּרֶעפֶפֶען יֶעדֶען טָאג אוּנ מֵייסְטֶענְס לֶעבְּט מֶען גַאנְץ גְלִיקְלִיךְ. זִי אִיז אִין קֵיינֶעם נִיט

געוועזן פערליעבט, אלזא האט זי געקאננט זיך איבערגעבען גיליאמען, צו וועלכען זי האט געפיהלט אזא דאנקבארקייט און אזא שטיללע און עדלע צוגעבונדענקייט. אז זי האט אין דעם געפיהל געשפירט די זיסקייט פון ליעבע.

— וועגען וואס האנדעלט זיך? — האט זי געפרעגט עטוואס אונרוהיג — איך האף, אז קיין באז איז חלילה ניט געשעהען.

— ניין, ניין. איך בעדארף נור עטוואס אייך איבערגעבען.

ער האט זי אוועקגעפיהרט אונטער'ן שאטען פון די פלוימען־ביימער, דאס איינציגע גרינע ווינקעל, וואס איז געבליבען אין גארטעל. דארט איז נאך געווען א אלט, צופוילט ביינקעל, נעבען די קוסטעם באז. אנטקעגען האט מען ארויס־געזעהן גאנץ פאריז, מיט דעם ים דעכער, לייכטע, לופטיגע, בעגאסען מיט די שטראהלען פון פריהמארגען־זונן.

ביידע האבען זיך געזעצט. ער האט געוואלט אנהייבען רעדען, אויספרעגען זי, נאר פלוצלינג האט ער דערפיהלט א בעקלעמונג, זיין ארעם הארץ האט אנגע־הייבען האסטיג קלאפען, דערזעהענדיג זי נעבען זיך אזוי יונג, מלא חן, מיט די הוילע האנד.

— דער טערמין קומט אן — האט ער אנגעהויבען שטאממלען — דער טערמין פון אונזער חתונה.

ביי דעם ווארט האט ער בעמערקט, אז זי איז א ביסעל בלאס געווארען, אפשר ניט וויללענדיג, און א קעלט איז אריבער אין זיין גאנצען לייב. איהם האט געדאכט, אז זי האט א ביסעל פארביסען די ליפפען מיט שמערץ און איהרע שטאנדיג לויטערע און גוטע אויגען זיינען מוטנע געווארען.

— א, עס בלייבט אונז נאך גענוג צייט!

ער האט ווייטער גערעדט מיט א שטיללער, גוטהארציגער שטיממע:

— געווים, אבער מען וועט דאך פארט מוזען זיך אנהייבען אנגרייטען. די הכנות, די שרייבערייען איז ניט קיין אנגענעהמע ארבייט, נאר ס'איז בעססער אפטהון מיט א מאל בעצייטענס, כדי מען זאל נאכדעם ניט האבען קיין פארדרעהעכץ.

שטילל האט ער גענומען רעדען פון דעם וואס זיי האבען צו טהון. און די גאנצע צייט קיין אויג ניט אראפגעפיהרט פון איהר, צו זעהען, וועלכען איינדרוק זיינע רייד וועלען אויף איהר מאכען. זי איז מיט א מאל שטילל געווארען. איהר געזיכט איז געבליבען ווי פערשטיינערט, די הענד זיינען געלעגען צונויפגעלעגט אויף די קניע, און זי האט ניט ארויסגעוויזען דעם מינדסטען צייכען פון חרטה אדער שמערץ. און דאך איז גענוג קענטיג געוועזן, אז זי האט קרענקונג.

— מארי, ליעבע מארי, איהר שווייגט... אייך געפאללט ניט עטוואס?

— מיר? א, ניין, ניין!

— איהר ווייסט אז מיט מיר קענט איהר רעדען אפפען. מיר וועלען אויפוואר־טען, אויב איהר האט עפעס א איגענע אורזאכע צו אפלעגען די חתונה.

— אָבֶער נַיין, מַיין פְרַיינְד, אִיךְ הָאבּ קֵיין שׁוּם אוּרְזַאכֶע נִיט. וָועלְכֶע אוּרְזַאכֶע קֶען אִיךְ דֶעןְ הָאבֶּען? אִיךְ גִיבּ אַייךְ פָאלְגֶע פְרַייהַייט, צוּ אַיינְאָרְדְנֶען אַלְסְדִינְג וִוי אַייךְ גֶעפֶאללְט.

זֵיי זַיינֶען עֶנְטְשְׁוִויגֶען גֶעוָוארֶען. זִי הָאט אִיהם עֶהרְלִיךְ גֶעקוּקְט אִין דִי אוֹיגֶען, אָבֶער אִיהרֶע לִיפֶּען הָאבֶּען לַייכְט גֶעצִיטֶערְט אוּנ אִין הַארְצֶעןְ הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶע־וָועקְט אַ טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט, וֶועלְכֶע הָאט פַארְגָאסֶען אִיהר לִיכְטִיגֶען לוֹיטֶערְן גֶעזִיכְט. מִיט אַ פָּאר חֳדָשִׁים פְרִיהֶער וָואלְט זִי דֶענְן נִיט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִינְגֶען אוּנ לַאכֶען בַּיים קְלַיינְסְטֶען וִוינְק אוֹיף אִיהר בַּאלְדִיגֶער חֲתוּנָה?

עֶנְדְלִיךְ הָאט גִילְיָאם זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אוּנ גֶעזָאגְט מִיט אַ צִיטֶערִיגֶען קוֹל:

— לִיעבֶּע מַארִי, פֶערְצַייהֶעט מִיר אוֹיבּ אִיךְ וֶועל אַייךְ אַיין זַאךְ פְרֶעגֶען. סְ'אִיז נָאךְ נִיט צוּ שְׁפֶּעט מִיר צוּרִיקְגֶעבֶּען דָאס וָוארְט. זַייט אִיהר דֶען זִיכֶער אַז אִיהר לִיעבְּט מִיךְ?

זִי הָאט פֶערְוואוּנְדֶערְט גֶעקִיקְט אוֹיף אִיהם, נִיט פַארְשְׁטֶעהֶענְדִיג וָואס מֵיינְט עֶר מִיט זַיין פְרַאגֶע, אוּנ הָאט נִיט גֶעקֶענְנְט בַּאלְד עֶנְטְפֶערֶען.

— קוּקְט אַרַיין אִין אַייעֶר הַארְצֶען, פְרֶעגְט אִיהם... אִיז דֶען אֱמֶת אַז אִיהר לִיעבְּט אַייעֶר אַלְטֶען גוּטֶען־פְרַיינְד? אָדֶער, סְ'קֶען זַיין, אִיהר הָאט גָאר לִיעבּ אַ צְוֵייטֶען?

— אִיךְ, אִיךְ, גִילְיָאם! צוּ וָואס זָאגְט אִיהר מִיר דָאס? וָואס הָאבּ אִיךְ אַזוֹינְס גֶעטְהוּן, אַז אִיהר זָאלְט הָאבֶּען דָאס רֶעכְט אַזוֹי צוּ רֶעדֶען?

— אוּנ דָאךְ מוּז אִיךְ אַרוֹיסְרֶעדֶען אִין גַאנְצֶען. סְ'הַאנְדֶעלְט זִיךְ דָאךְ וֶועגֶען אוּנְזֶער אַללֶעמֶענְס גְלִיק. פְּרוּבְט נוּר אַייעֶר הַארְץ, מַארִי. אִיהר לִיעבְּט מַיין בְּרוּדֶער, אִיהר לִיעבְּט פְּיֶערְ'ן.

— אִיךְ לִיעבּ פְּיֶערְ'ן, אִיךְ, אִיךְ? נוּ יָא, אִיךְ לִיעבּ אִיהם אַזוֹי גוּט וִוי אִיךְ לִיעבּ אַייךְ אַללֶע, אִיךְ לִיעבּ אִיהם דַארוּם, וַוייל עֶר אִיז גֶעוָוארֶען בַּיי אוּנְז אַ אַיינֶענֶער. אוּנ יֶעצְט הָאט עֶר אַ חֵלֶק אִין אוּנְזֶערֶע פְרֵיידֶען, אִין אוּנְזֶער גְלִיק!... פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ, אַז וֶוען עֶר אִיז דָא בִּין אִיךְ גְלִיקְלִיךְ אוּנ וָואלְט פֶערְלַאנְגְט, אַז עֶר זָאל זִיךְ קֵיינְמָאל נִיט פוּן אוּנְז שֵׁיידֶען. מִיךְ פְרֵייט צוּ זֶעהֶען אִיהם, הֶערֶען אִיהם, שְׁפַּאצִירֶען מִיט אִיהם. נִיט לַאנְג הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט עַגְמַת נֶפֶשׁ זֶעהֶענְדִיג, וִוי עֶר אִיז צוּרִיק אַרַיינְגֶעפַאללֶען אִין זַיין פִינְסְטֶערֶער מֶעלַאנְכָאלְיֶע. מִיר שֵׁיינְט, אִיךְ בִּין מִיךְ בֶּעגַאנְגֶען נוּר אַזוֹי, וִוי אִיהר אַלֵיין הָאט פֶערְלַאנְגְט, אוּנ פַארְשְׁטֵיי נִיט, וִוי קֶען מַיין צוּגֶעבּוּנְדֶענְקֵייט צוּ פְּיֶער'ן ווירְקֶען אוֹיף אוּנְזֶער חֲתוּנָה?

דִיעזֶע וֶוערְטֶער, וֶועלְכֶע הָאבֶּען, לוֹיט אִיהר מֵיינוּנְג, בֶּעדַארְפְט אִיבֶּערְצַייגֶען גִילְיָאמֶען, הָאבֶּען פַארְקֶעהְרְט, גֶעעֶפֶענְט אִיהם דִי אוֹיגֶען: מִיט וֶועלְכֶער הִיטְץ וֶועהְרְט זִי זִיךְ, עֶר זָאל נִיט מֵיינֶען, אַז זִי לִיעבְּט דֶעם בְּרוּדֶער!

— אָרִימֶע, אָרִימֶע, אִיהר גִיט אַייךְ אַרוֹיס אִין גַאנְצֶען! יֶעצְט אִיז דָאךְ קֵיין שׁוּם סָפֵק נִיט, אַז מִיךְ לִיעבְּט אִיהר נִיט, נוּר מַיין בְּרוּדֶער.

ער האט זי אנגעהאפט פאר די נאקעטע געלענק פון די האנד און א פערצווייפעלטער זיי צארטליך געדריקט, גלייך ער ווילל זי צווינגען, אריינקוקען טיעף אין דער איינענער זעעלע. מארי האט אבער זיך געהאלטען ביי איינס, אז זי איז ניט פערליעבט אין פיער'ן. אומזאנסט האט גילאם געטענה'ט און געזוכט איהר אויס־מייזען די גאנצע געשיכטע פון אנפאנג אן: תחלת האט זי פיער'ן אמת פיינד געהאט, נאכדעם האט זיך אין איהר דערוועקט נייגיעריגקייט צו דעם וואונדערליכען יונגען מענשען, און צום סוף האט זי אנגעהויבען פיהלען צו איהם סימפאטיע, צארטליכקייט, וועהענדיג ווי אונגליקליך ער איז, און ביסלעכווייז האט זי איהם אויס־געהיילט פון זיין פערצווייפלונג. ביידע זיינען יונג, די גוטע נאטור האט שוין אויס־געפיהרט דאס איבריגע. אבער ביי יעדען ווארטצייכען, ביי יעדען בעוויז איז זי אלץ געוואָרען מעהר אויפגערעגט, געציטערט ווי אין פיבער און דאך ניט נאכגעגעבען.

— ניין, ניין, איך בין ניט פערליעבט אין איהם... ווען איך זאל זיין פער־ליעבט, וואלט איך דאס געוואוסט און אייך גלייך מודה געווען — איהר קענט דאך מיך, אז איך בין ניט פעהיג צו זאגען א ליגען.

ער איז אבער געבליבען פעסט און געהאט דעם מוטה פון א חירורג, וועלכער שניידט דאס לייב, ניט נור ביי פרעמדע, אבער אויך ביי זיך זעלבסט, כדי ארויס־צוויזען דעם אמת און אללעמען ארויסראטעווען פון אומגליק.

— הערט, מארי, מיך ליעבט איהר דאך געוויס ניט. צו מיר פיהלט איהר דאנק, כבוד, צארטליכקייט ווי א טאכטער. דערמאנט אייך אייערע געפיהלען דא־מאלס, ווען ס'איז בעשטימט געוואָרען איהר זאלט זיין מיין פרוי. נאך דאמאלס האט איהר קיינעם ניט געליעבט און האט איינגעווילליגט אויף דעם שדוך ווי א קלוג מיידעל, ווייל איהר זייט געווען זיכער, אז איך וועל אייך מאכען גליקליך. דער שדוך האט ביי אייך אויסגעזעהן קלוג און גלייך... דא איז אבער געקומען מיין ברודער און די ליעבע איז געבוירען געוואָרען גאנץ נאטירליך. פיער'ן, נור פיער'ן אליין ליעבט איהר מיט א ליידענשאפטליכער הייסער ליעבע, אזא ליעבע וועלכע מען בעדארף פיהלען צו א געליעבטען, צו א מאנן.

זי האט שוין קיין כח ניט געהאט ענטפערן איהם פון גרויס אויפרעגונג, און דאך איז זי נאך אלץ געבליבען איינגעשפארט.

— אבער צו וואס זייט איהר אזוי צורודערט, קינד מיינס? איך וויל דאך אייך ניט קיין פארווירפע מאכען דערפאר. דאס וואס האט געמוזט געשעהן איז געשעהן און מן הסתם איז דאס לטובה... כ'האב נאר געוואלט דערגרינדען דעם גאנצען אמת, כדי איך זאל וויסען וואס צו טהון און האנדלען ווי א ערהליכער מענש.

זי האט זיך אונטערגעגעבען און א שטראם טרערען איז אויסגעבראכען פון איהרע אויגען. זי איז אריבער אזא שרעקליכען קריזיס, אז זי האט זיך געפיהלט אין גאנצען צובראכען, דערדריקט, גלייך זי ליעגט אונטער דער שווערער משא פון דיעם אמת, וועלכען זי האט ביז יעצט ניט געזעהן.

— אך, ווי אונערבארמיג זייט איהר בעגאנגען מיט מיר, צווינגען מיך מיט געוואלד אריינקוקען טיעף אין מיין הארצען... איך שווער אייך, מיר איז גאר ניט איינגעפאללען, אז איך ליעב פיערן מיט דער ליידענשאפטליכער ליעבע, וועגען וועלכער איהר רעדט... איהר האט מיר אויפגעדעקט מיין הארץ, צובלאזען דעם פייער וואס שלאפט דארטען... און דאס איז אמת, יעצט ליעב איך פיערן, ליעב איהם טאק אזוי ווי איהר זאגט. מיר זיינען אלזא יעצט אללע אונגליקליך — און איהר אליין האט אזוי געוואלט.

זי האט זיך צוויינט און פארשעמט ארויסגעריסען פון איהם די האנד. נאר ער האט בעמערקט, אז איהרע באקען זיינען קיין איינציגען מאל ניט אויפגעפלאמט געווארען, ווי ס'פלעגט ביי איהר זעהר אפט טרעפפען ניט וויללענדיג. איהר מיידעלשער סאוועסט איז געבליעבען ריין, זי האט ניט געהאט צו פארווארפען זיך אין א פאלשקייט; ער אליין האט זי געצוואונגען ענטדעקען אין זיך דאס נייע געפיהל פון ליעבע.

א ווייליע האבען זיי געקוקט איינער אויפ'ן אנדערן מיט די פארוויינטע אויגען; ד איז אזוי פריש, געזונד, מיט דער ברייטער ברוסט וואס בעוועגט זיך יעצט האסטיג דורך די קלאפ פון הארצען, מיט די שאנע געזונטע האנד וואס זיינען נאקעט ביז די אקסלען; און ער איז נאך אלץ מונטער, מיט די געדיכטע גרויע האר און די שווארצע וואנסען, וועלכע האבען צוגעגעבען זיין געזיכט ענערגיע און פרישקייט. אלזא יעצט איז אלסדינג געענדיגט, זייער גאנצע עקסיסטענץ איז יעצט איבערגעקעהרט...

— מארי, איהר ליעבט מיך ניט, איך בעפריי אייך פון אייער ווארט — האט גיליאם געזאגט.

— ניין — האט מארי געענטפערט — פאר קיין פרייז וויל איך ניט צוריקנעהמען מיין ווארט, וועלכען איך האב אייך געגעבען מיט'ן ריינעם סאוועסט, מיט'ן גוטען וויללען, און קיינמאל ניט אויפגעהערט זיין צוגעבונדען צו אייך מיט אכטונג און געטריישאפט.

ער אבער האט זיך ניט געלאזט איבעררעדען און געענטפערט מיט זיין מיעדער, צובראכענער שטימע:

— איהר ליעבט פיערן און מיט פיערן בעדארפט איהר חתונה האבען.

— ניין, איך געהער אייך; אין איין שעה קענן מען ניט איבערמאכען דאס, וואס איז יאהרען־לאנג פארטיג געווארען... נאך א מאל שווער איך אייך, אויב איך ליעב פיערן, האב איך דאס ביז היינטיגען פריהמארגען אליין ניט געוואוסט. אבער, גענוג זיך שפארען, הערט מיך אויף צו מוטשען, ס'איז אונערבארמיג!

און פלוצלינג, מיט דער שעמעוודיגקייט פון א פרויענצימער וועלכע מען האט אהן קליידער, האט זי גענומען געשווינד אראפלאזען די ארבעל, פארדעקען די ארעם, נאכדעם איז זי אויפגעשטאנען און אוועקגעגאנגען, ניט זאגענדיג מעהר קיין ווארט. — — —

אויפְ'ן צְווייטֶען טָאג אִיז פְּיֶער גֶעקוּמֶען. אִין דֶער גְרוֹיסְעֶר מַייסְטֶער־שְׁטוּבּ אִיז קֵיינֶער נִיט גֶעוֶועזֶען אוֹיסֶער גִילְיָאמֶען, וֶועלְכֶער הָאט בַּאלְד גֶענוּמֶען אִיהם אוֹיסְ־פְרֶעגֶען אוּנ וִויסֶען דֶעם אֱמֶת.

— פְּיֶער, דוּ הָאסְט מִיר גָאר נִיט וָואס צוּ זָאגֶען? פַאר וָואס טְרוֹיסְט דוּ מִיר נִיט?

פְּיֶער הָאט זִיךְ בַּאלְד אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען וָואס דֶער בְּרוּדֶער מֵיינְט אוּנ אִיז פֶערְ־צִיטֶערְט גֶעוָוארֶען. זֵיין צוּזִיטֶערְט אוֹיסְזֶעהְן הָאט עֶנְטְדֶעקְט דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת.

— דוּ לִיעבְּסְט מַארִי, פַאר וָואס־זֶשֶׁע הָאסְטוּ מִיר נִיט גְלַייךְ אוּנ עֶהְרְלִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען?

פְּיֶער אִיז אַבִּיסֶעל רוּהִיגֶער גֶעוָוארֶען אוּנ גֶעפְּרוּבְּט זִיךְ פַארְעֶנְטְפֶערְן:

— אִיךְ לִיעבּ מַארִי, סְ'אִיז אֱמֶת, אוּנ כְ'הָאבּ טַאקִי גֶעפִיהלְט אַז כְ'וֶועל דָאס נִיט קֶענֶען פֶערְבֶּעהַאלְטֶען, דוּ וֶועסְט אַלְטְדִינְג בֶּעמֶערְקֶען... אָבֶער סְ'אִיז מִיר נִיט נֶאטְהִיג גֶעוֶועזֶען דִיר מוֹדֶה זַיין, אִיךְ וָואלְט מִיךְ בֶּעסֶער בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶער עֶרְד אוּנ נִיט גֶעזָאגְט דִיר קֵיין וָוארְט... אָה, דוּ קֶענְסְט דִיר גָאר נִיט פְאָרְשְׁטֶעלֶען מַיינֶע שְׁמֶערְצֶען. אָבֶער פוּן דַיין זַייט אִיז זֶעהְר הַארְט, רֶעדֶען מִיט מִיר וֶועגֶען דֶעם, וַוייל יֶעצְט וֶועל אִיךְ מוּזֶען אָפְּטְרֶעטֶען פוּן דַאנֶען... שׁוין נִיט אֵיין מָאל הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעקְלִיבֶּען אַוֶועקְגֶעהְן, אוּנ נוּר דוּרְךְ מַיין שְׁוַואכֶען חַאַרַאקְטֶער אוּנ מַיין צוּגֶעבּוּנְדֶענְ־קַייט צוּ אַייךְ אַללֶעמֶען בִּין אִיךְ צוּרִיקְגֶעקוּמֶען. וֶועמֶען שְׁטֶער אִיךְ מִיט מַיין זַיין דָא? פַאר מַארִי'ן אִיז קֵיין סַכָּנָה נִיט, זִי לִיעבְּט דָאךְ מִיךְ נִיט!

— מַארִי לִיעבְּט דִיךְ יָא! — הָאט גִילְיָאם שַׁארְף גֶעזָאגְט — נֶעכְטֶען הָאבּ אִיךְ זִי אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט אוּנ זִי הָאט גֶעמוּזְט מוֹדֶה זַיין, אַז זִי לִיעבְּט דִיךְ.

פְּיֶער הָאט אַ צוּקַאכְטֶער אִיהם אָנְגֶעחַאפְּט בַּיי דִי אַקְסְלֶען אוּנ שַׁארְף גֶעקוּקְט אִין דִי אוֹיגֶען.

— אָה בְּרוּדֶער, וָואס זָאגְסְט דוּ? פַאר וָואס רִיהְרְסְט דוּ אָן אַזַא זַאךְ, וֶועלְכֶע וָואלְט פַאר אוּנְז אַללֶעמֶען גֶעוֶועזֶען אַ שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנְגְלִיק? דִיעזֶע לִיעבֶּע וָואלְט מִיר גֶעשַׁאפְּט מֶעהְר שְׁמֶערְץ וִוי פְרֵייד... אִיךְ ווִילל נִיט דוּ זָאלְסְט לֵיידֶען... מַארִי אִיז דַיינֶע, זִי אִיז פַאר מִיר הֵיילִיג וִוי אַ שְׁוֶועסְטֶער: אוֹיבּ אַייךְ שְׁטֶערְט נוּר מַיין שָׁנְעוֹן, זָאל אַייךְ גָאר נִיט אַרְעֶן, מַיין מְשׁוּגַעַת וֶועט אַרִיבֶּער, כְ'וֶועל מִיךְ אִיבֶּער־שְׁטַארְקֶען.

— מַארִי לִיעבְּט דִיךְ — הָאט גִילְיָאם ווִיעדֶער גֶעזָאגְט שְׁטִילל אָבֶער אַיינְגֶעשְׁפַּארְט — אִיךְ בֶּעשׁוּלְדִיג דִיךְ גָאר נִיט; כְ'ווֵייס זֶעהְר גוּט, אַז דוּ הָאסְט דִיךְ גֶענוּג גֶערַאנְגֶעלְט אוּנ בִּיךְ נִיט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען פַאר אִיהר מִיט קֵיין אֵיינְצִיג וָוארְט. אֲפִילוּ נִיט מִיט קֵיין אֵיינְצִיגֶען בְּלִיק... זִי זָעלְבְּסְט הָאט נָאךְ גֶעסְטֶערְן נִיט גֶעווָאוּסְט אַז זִי לִיעבְּט דִיךְ. אִיךְ הָאבּ גֶעמוּזְט אִיהר דִי אוֹיגֶען אֶפְּפֶענֶען. סְ'אִיז דָא גָאר נִיט צוּ מַאכֶען. אִיךְ עֶרְ־צֶאהְל פְּרָאסְט דֶעם פַאקְט: זִי לִיעבְּט דִיךְ.

יֶעצְט הָאט זִיךְ בַּיי דֶעם טְרֵייסְלֶ'ענְדִיגֶען פְּיֶער אַרוֹיסְגֶערִיסֶען אַ בֶּעוֶועגוּנְג פוּן

שרעק און ווילדע ענטציקונג צוזאממען, גלייך אויף איהם וואלט אראפגעפאללען פון הימעל א וואונדער, וועלכען ער האט לאנג בעגעהרט, אבער דער אנבליק פון דעם וואונדער צושמעטטערט איהם אויף שטויב.

— נו גוט, א סוף פון אלסדינג... נעהם מיך ארום ברודער און איך געה אוועק:

— דו געהסט אוועק? ווארום? דו בלייבסט מיט אונז. ס'איז גאנץ איינפאך: דו ליעבסט מארי'ן, זי ליעבט דיך. איך גיב זי דיר אוועק.

פיער האט א שטארקען געשריי געגעבען און אויפגעהויבען די האנד צום הימעל מיט שרעק און צוגלייך מיט ענטציקונג.

— דו גיבסט מיר אוועק מארי'ן, דו, ברודער מיינער! דו, וועלכער האט חדשים לאנג געווארט צו פערבינדען זיך מיט איהר, דו וועלכער פערגאטטערט זי?... א ניין, א ניין, דאס דערדריקט מיך. מיר שוידערט טראכטענדיג דערפון, ס'איז גלייך ווי דו וואלסט ארויסגעריססען דיין וואר̇פעדיג, פערבלוטיגט הארץ פון ברוסט און מיר אוועקגעבען... ניין, ניין, איך וויל ניט דיין קרבן:

— אבער אז מארי פיהלט צו מיר קיין זאך ניט אויסער דאנק און רוהיגע צוגעבונדענקייט. דאנעגען אבער דיך ליעבט זי מיט א ליידענשאפטליכע, פייערינגע ליעבע — ווילסטו רעדען, איך זאל מיך בענוצען מיט איהר ווארט, וועלכען זי האט מיר געגעבען אונבעוואוסט, און זאל זי נאטהען צו א חתונה דורך וועלכער זי וועט ניט זיין אין גאנצען מיינע, מיט לייב און זעעלע?... איבריגענס, ניט איך גיב זי דיר, נאר זי אליין גיט זיך דיר איבער און איך האב קיין שום רעכט ניט, ניט דערלאזען דערצו.

— ניין! איך קען פאר קיין פרייז ניט איינוויליגען, פאר קיין פרייז וויל איך דיר ניט שאפען אזא שמערצען... לאמיר אונז ארומנעהמען, ברודער, און איך געה אוועק.

אבער גיליאם האט איהם אנגעחאפט און מיט געוואלד אוועקגעזעצט נעבען זיך אויף דער אלטער סאפע אין ווינקעל, ביים פענסטער.

— לאז זיין גענוג. מיר וועלען זיך דאך ניט אנהויבען שלאגען, אדער זאל איך דיך צובינדען מיט שטריק, כדי דו זאלסט ניט אוועקגעהן? בייים דאך וואס איך מהוּ, האל דער טייוועל! כ'האב אלסדינג פריהער בעטראכט, איידער כ'האב גענומען רעדען מיט דיר. געוויסס איז מיר ניט פרעהליך אויפ'ן הארצען. אה, אנפאנגס האב איך געמיינט, אז כ'וועל דאס ניט איבערלעבען, כ'האב געוואלט דו זאלסט פארשוואונדען ווערען, די ערד זאל דיך איינשלינגען. אבער נאכדעם? נאכדעם האב איך דאך געמוזט זיך אויפוועקען, בעטראכטען גענוי די לאגע, און האב איינגעזעהן, אז דאס וואס איז געשעהן איז טאקי נאטירליכער און בעססער פאר אונז אללעמען.

פיער האט פארלארען זיין גאנצע ענערגיע און שטיל געוויינט, פארדעקענדיג דאס געזיכט מיט ביידע האנד.

— בּרוּדער, לִיבֶּער בְּרוּדֶער, הָאבּ נִיט קֵיין עַגְמַת נֶפֶשׁ פַאר מִיר אוּנ נִיט פַאר יך. דֶערמאן דִיךְ דִי גְלִיקְלִיכֶע טֶאג, וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג פֶּערְבְּרַאכְט צוּאַמֶמֶ, ייז קְלֵיינֶעם הַייזֶעל אִין נֵיילִי. אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער הָאט דַאמאלְס וִויעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּע, בְּלִיהֶען דִי אַמָאלִיגֶע לִיעבְּשַׁאפְט; שְׁטוּנְדֶען־לַאנְג זַיינֶען מִיר גֶעזֶעסֶען אוּנ דֶערְמָאנְג דִי פַארְגַאנְגֶענֶע יָאהרֶען אוּנ גֶעלִיעבְּט אַיינֶער דֶעם צְוֵייטֶען... אוּנ וֶועלְכֶען שְׁרֶעקְלִיכְען וִדוּי הָאסְטוּ אַיינְמָאל אִין אָוֶוענְד פַאר מִיר גֶעזָאגְט וֶועגֶען דַיין וִויסְט לֶעבֶּען, וִוי דוּ הָאסְט פַארְלוֹירֶען דַיין אֱמוּנָה, וִוי דוּ מוּטְשֶׁעסְט דִיךְ אוּנ פַאלְלְסְט אִין אַ אָבְּגְרוּנְד! פוּן יֶענֶער מִינוּט הָאבּ אִיךְ אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן אוֹיסְהֵיילֶען דִיךְ. כְ׳הָאבּ דִיר גֶעגֶעבֶּען אַ עֵצָה צוּ אַרְבֵּייטֶען, לִיעבֶּען, גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם לֶעבֶּען; כְ׳בִּין גֶעוֶועזֶען פֶּעסְט אִיבֶּערְצַייגְט. אַז דָאס לֶעבֶּען וֶועט דִיר גֶעבֶּען פְרִיעדֶען אוּנ גֶעזוּנְד... צוּלִיעבּ דֶעם הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעשְׁלֶעפְּט אַהֶער אִין אוּנְזֶער פַאמִילְיֶע. דוּ הָאסְט דִיךְ אַיינְגֶעשְׁפַּארְט, נִיט גֶעוָואלְט גֶעהֶען, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דִיךְ צוּגֶעהַאלְטֶען אוּנ נִיט אָפְּגֶעלָאזְט. אִין דִיר אִיז צוּרִיק אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען דֶער חֵשֶׁק צוּם לֶעבֶּען. בִּיסְט צוּרִיק גֶעוָוארֶען אַ מֶענְשׁ אוּנ אַ אַרְבֵּייטֶער — אוּנ אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִיבֶּערְגְלִיקְלִיךְ. כְ׳וָואלְט גֶעשֶׁענְקְט מַיין לֶעבֶּען, אַבִּי דַיין גֶעזוּנְד זָאל זַיין גַאנְץ... נוּ, יֶעצְט בִּין אִיךְ מְקַיֵים מַיין נֶדֶר, גִיבּ דִיר אָפּ אַלְס וָואס אִיךְ פַארְמָאג, וַוייל מַארִי אִיז פַאר דִיר נֶאטְהִיג — זִי אַלֵיין וֶועט דִיךְ בַּאטֶעוֶוען.

פְּיֶער הָאט נָאךְ אַלֶץ נִיט גֶעוָואלְט נָאכְגֶעבֶּען אוּנ גֶעפְּרוּבְט עֶנְטְפֶערֶען, אָבֶּער וִוילְיָאם הָאט אִיהם נִיט גֶעלָאזְט רֶעדֶען.

— שְׁפָּאר מִיךְ נִיט אִיבֶּער. דָאס אִיז גֶעוִויס, אַז אוֹיבּ זִי וֶועט נִיט עֶנְדִיגֶען דָאס, וָואס אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהֵייבֶּען, בְּלַייבְּט מַיין גַאנְצֶע אַרְבֵּייט אוּמְזָאנְסְט: דוּ וֶועסְט וִויעדֶער וֶוערֶען אַ פֶּערְפַאלְלֶענֶער, צוּבְּרָאכֶענֶער מֶענְשׁ. מַארִי אִיז פַאר דִיר נֶאטְהִיג. דֶער וִוילְסְטוּ, אִיךְ זָאל דִיךְ אוֹיפְהֶערֶען לִיעבֶּען? — נָאכְדֶעם אַז אִיךְ הָאבּ אַזוֹי הֵיים גֶעוַוארְט, דוּ זָאלְסְט צוּרִיקְקֶעהרֶען צוּם לֶעבֶּען, קֶענְן אִיךְ דֶען צוּנֶעהמֶען פוּן דִיר דַיין אֶטְהֶעם, דַיין זֶעלֶע, וֶועלְכֶע וֶועט דִיךְ מַאכֶען פַאר אַ מַאנְספֶּערְזָאן? אִיךְ לִיעבּ אַייךְ בֵּיידֶען אוּנ קֶענְן נִיט אַנְדֶערְשׁ וִוי אַיינְוִוילְלִיגֶען אוֹיף דֶער זַאךְ, וָואס וֶועט אַייךְ בֵּיידֶען בְּרֶענְגֶען גְלִיק. אוֹיסֶער דֶעם, וַויים דִי מוּטֶער־נַאטוּר וָואס זִי טְהוּט. דֶער אִינְסְטִינְקְט, דֶער נַאטוּר־גֶעפִיהל, הָאט קֵיין טָעוּת נִיט, עֶר פִיהרְט שְׁטֶאנְדִיג צוּם וַוערְטֶען, צוּם רִיכְטִיגֶען צִיעל. אִיךְ וָואלְט גֶעוֶועזֶען אַ קְלָאגֶעדִיגֶער מַאנְן; בֶּעסֶער לָאז אִיךְ שׁוֹין בְּלַייבֶּען אַ אַלְטֶער גֶעלֶעהרְטֶער. אָבֶּער מִיט דִיר, וָואס אִיז נָאךְ יוּנְג, ...ארְט אוֹיף אִיהר אַ צוּקוּנְפְט, דִי בְּרָכָה פוּן קִינְדֶער, אַ פְרוּכְטְבַּארֶעס אוּנ גְלִיקְלִיכֶעס לֶעבֶּען.

פְּיֶער הָאט אַ צִיטֶער גֶעגֶעבֶּען; ס׳הָאט אִיהם וִויעדֶער אָנְגֶעחַאפְּט זַיין שְׁטֶאנְדִיגֶע מוֹרָא פוּן שְׁוַואכְקַייט. זַיין לַאנְגֶער שְׁטַאנְד אַלְס גַייסְטְלִיכֶער הָאט דָאךְ אִיהם אָפְּגֶערִיסֶען פוּן לֶעבֶּעדִיגֶע מֶענְשֶׁען... זַיין מֶאנְנִישֶׁער קְרַאפְט הָאט גֶעקֶענְט אוֹיסְ־טְרִיקֶענֶען דוּרְךְ דֶעם לַאנְגֶען, אָבְּגֶעשַׁיידְטֶען, אַיינְגֶעהַאלְטֶענֶעם לֶעבֶּען.

פַאר אַ גְרויסֶען חָכָם נָאר אַ מֶענְשׁ פַאר זִיךְ, וָואס הָאט זַיינֶע פֶעסְטֶע אִיבֶּערְצֵייגוּנְגֶען אוּנ לֶעבְּט אָבְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן מֶענְשֶׁען. דֶער אַלְטֶער רָ א ז, וָואס פְלֶעגְט אָפְּט פַארְבֵּייגֶעהְן פַאר זַיין הויז, וואוּ עֶר הָאט גֶעוָואהְנְט מִיט זַיינֶע דְרַיי עֶרְוָואקְסֶענֶע זִיהְן אוּנ שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶוען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט זַיין אַרְבֵּייט, הָאט שׁוֹין פִיעל מָאל גֶעטְרַאכְט, נֶעהמֶען זִיךְ צוּ אִיהְם אוּנ מַאכֶען אִיהם פְרוּם, אוּנ אָבְּוָואהְל בִּיז הַיינְט אִיז זַיין מִיה גֶעוֶוען אוּמְזָאנְסְט, נָאר דִי הָאפְנוּנְג בֶּעדַארְף מֶען נִיט פֶערְלִיעֶרֶען...

— אָבֶּער מַיין טְהַייעֶרֶער — הָאט זִיךְ רָ א ז פְּלוּצְלִינְג אָבְּגֶערוּפֶען — וָואס שְׁטֶעה אִיךְ דָא אוּנ הַאלְט אַייךְ אוֹיף דֶער קֶעלְט? אַייךְ אִיז גֶעוִויס נִיט אִיבְּרִיג הַיים. גֶעהְט גֶעהְט אִינְוֶוענְדִיג. אַייף ווִידֶערְזֶעהְן! אָבֶּענְד, זַייגֶער פִינְף...

נָאכְדֶעם הָאט עֶר זִיךְ ווִיעדֶער אוּמְגֶעקוּקְט אוֹיב אִימֶעצֶער הֶערְט נִיט אוּנ גֶעזָאגְט מִיט אַ מִינֶע פוּן אַ שׁוּלְדִיגֶעם קִינְד:

— דִי הוֹיפְּט-זַאךְ, אִיהְר זָאלְט קֵיינֶעם אַ וָוארְט נִיט עֶרְצֶעהלֶען פוּן מַיין אוֹיפְטְרָאג. מֶען קֶען מִיר נָאךְ ווִיעדֶער פֶערְוַוארְפֶען אַז אִיךְ פִיהְר מִיךְ נִיט אֶרֶענְטְלִיךְ.

אוּנ דֶער אַלְטֶער גַייסְטְלִיכֶער אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. פְּ יֶ ע ר הָאט אִיהְם בֶּעגְלֵייט מִיט דִי אוֹיגֶען בִּיז עֶר אִיז אַרַיין אִין דֶער קָארְטָא גַאס, וואוּ עֶר הָאט גֶעוָואהְנְט אִין אַ פֵייכְטִיגֶע דִירָה, אִין אוּנְטֶערְשְׁטֶען עֶטַאז, מִיט אַ קְלֵיין גֶארְטִיל בַּיי דִי פֶענְסְטֶער.

דֶערְוַוייל אִיז דֶער גְרוֹיסֶער טוּמַאן גֶעוָוארֶען גֶעדִיכְטֶער, דֶער ווִינְט הָאט נָאךְ קֶאלְטֶער גֶעבְּלָאזֶען אוּנ גֶערִיסֶען. פְּ יֶ ע ר אִיז אַרַיין אִין קִירְכֶע אוּנ דָאס הַארְץ הָאט אִיהְם וֶועה גֶעטְהוּן פוּן דֶער גַאנְצֶער גֶעשִׁיכְטֶע: דֶעם אַלְטֶען הַיילִיגֶען מַאנְן הָאט מֶען פַיינְד גֶעהַאט דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁטִיצְט אָרִימֶע לַייט אוּנ פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען שְׁטִיצְט עֶר זֵיי וַוייטֶער בִּגְנֵבָה פַארקוֹיפְט פוּן זַיין בַּעֲלֵי-בַּתִּישְׁקֵייט אוּנ שִׁיקְט זֵיי אוֹיף בְּרוֹיט. בֶּעדַארְף עֶס אַזוֹי זַיין? קוּמְט פַאר גוּטְסְקֵייט אַזַא טְרוֹיעֶרִיגֶע בֶּעלָאהנוּנְג?

אוּנ אַלְטֶע וואוּנְדֶען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעוֶועקְט אִין פְּ יֶ ע רְ'ס הַארְצֶען. צַייט אֵיינִיגֶע יָאהְר הָאט עֶר שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעלִיטְטֶען. עֶר הָאט גֶעהַאט זֶעהר אַ ווֵייךְ הַארְץ אָבֶּער דַאנֶעבֶּען אַ גֶעזוּנְטֶען פֶעסְטֶען פֶערְשְׁטַאנְד אוּנְטֶער דֶעם הַארְטֶען שְׁטֶערְן. פוּן דֶער יוּגֶענְד אִיז עֶר עֶרְצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען פַאר אַ פְרוּמֶען גַייסְטְלִיכֶען, שְׁפֶּעטֶער אָבֶּער, אַז עֶר אִיז מֶעהְר בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶער וֶועלְט, הָאט עֶר אַיינְגֶעזֶעהן ווִי דִי רֶעלִיגְיֶע אַלֵיין אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְד מַאכֶען שָׁלוֹם צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען; דֶער מֶענְשׁ וֶוערְט אִימְמֶער עֶרְגֶער, פֶערְדָארְבֶּענֶער, עֶס גֶעשֶׁעהֶען דִי גְרֶעסְטֶע עַוְלוֹת אוּנ רְצִיחוֹת. נָאכְדֶעם הָאט עֶר גֶענוּמֶען טְרַאכְטֶען וֶועגֶען דֶער רֶעלִיגְיֶע זֶעלְבְּסְט, גֶעוָואלְט פַארְשְׁטֶעהְן אַלֶץ מִיט זַיין שֵׂכֶל, נִיט גְלוֹיבֶּען בְּלִינְד — אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען אַ אַפִּיקוֹרֶס. זַיין פֶעסְטֶע אֱמוּנָה אִיז בִּיסְלִיכְוַוייז גֶעוָוארֶען שְׁוַואכֶער. אַנְפַאנְגְס הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְּרוּבְּט רַאנְגְלֶען מִיט יֵצֶר-הָרָע, הָאט גֶעוָואלְט מִיט גְווַאלְד פַארְשְׁטִיקֶען זַיין אוּנְעֶרְבַּארְמִיגֶען קַאלְטֶען שֵׂכֶל, נִיט פְרֶעגֶען קֵיין שְׁאֵלוֹת, נִיט אַרַיינְלָאזֶען זִיךְ אִין חֲקִירוֹת אוּנ גְלוֹיבֶּען ווִי אַ מָאל, אִין דִי יוּנְגֶע גְלִיקְלִיכֶע יָאהרֶען; זַיין ווִי דֶער פְּרַאסְטֶער אוּנְגֶעבִּילְדֶעטֶער מֶענְשׁ, וָואס הַאלְט דִי רֶעלִיגְיֶע טְהַייעֶר אָבְּוָואהל עֶר פֶערְשְׁטֶעהט זֵי נִיט. אוּמְזָאנְסְט

אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען דֶ"ן מִיה: מֶען קֶען נִיט זִיךְ צְווִינְגֶען גְלוֹיבֶּען אָהן שֵׂכֶל. אַז דֶער צְווייפֶעל הָאפְּט זִיךְ שׁוֹין אַרַיין אִין הַארְצֶען טָאטְשֶׁעט עֶר וִוי אַ וָוארֶעם. אוּנ דֶערוָוארֶעם הָאט אָפְּגֶעפְרֶעסֶען דִי שֶׁענְסְטֶע בְּלוּמֶען פוּן זַיין אִינֶוועֶנִיגְסְטֶען לֶעבֶּען, גֶעמַאכְט אַ תֵּל פוּן זַיין גְלוֹיבֶּען, זַיין רוּה, זַיין גְלִיק אוּנ זַיין פְרַייד. פֶּ. עֶ ר הָאט גֶעזוּכְט זִיךְ צוּ רַאטֶעוֶוען, אִיז גֶעפָאהרֶען אִין פֶערְשִׁיעדֶענֶע הֵיילִיגֶע אֶרְטֶער, אָבֶּער דָארְט וואוּ טוֹיזֶענְדֶער מֶענְשְׁען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶן וואוּנְדֶער הָאט עֶר גֶעפִינֶען פֶערְצְווייפְלוּנְג, פַארְבְּלֶענְדֶענִישׁ, אוּנ מִיט אַ לֵיידִיג גֶעמִיטְה, אָהן אֱמוּנָה, אָהן הָאפְפְנוּנְג אִיז עֶר פַאר דְרַייאָהר צוּרִיק גֶעקוּמֶען אִין פַּארִיז: עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָוארְפֶען אוֹיף צְדָקָה וְעהָאלְפֶען רָאנְשְׁטִיצֶען נוֹיט־בֶּעדִירְפְטִיגֶע, עֶר הָאט גֶעהָאפְּט אַז דָאס וֶועט אִיהְם שַׁאפֶען פְרַייד אוּנאוֹיסְפִּילֶען זַיין לֶעבֶּען; אָבֶּער אִין דִי דְרַיי יָאהר הָאט עֶר אַיינְגֶעזֶעהֶן אַז אוֹיךְ דִיגוּטְסְקַייט, דִי לִיעבֶּע, אִיז צוּ שְׁוַואךְ בֶּעסֶער מַאכֶען דִי וֶועלְט. דִי נוֹיט אִיז אַזוֹיגְרוֹיס, דִי אָרִימְקַייט, דֶער עֶלֶענְד אִיז וִוי אַ יַם אוּנ דִי שְׁטִיצֶע, דִי הִילְף — אֲפִילוּגִיט אַ טְרָאפֶּען...

דָאס לֶעבֶּען אָהן אַ צִיעל אִיז אִיהְם גֶעוָוארֶען פַארְמַאוּסְט, דִי רֶעלִיגְיֶע אִיז אִיהְם אָפְּגֶעשְׁטָארְבֶּען אוֹיף עֶבִּיג, אֲפִילוּ דִי הָאפְפְנוּנְג אַז דִי אֱמוּנָה פוּן פָאלְק וֶועט צוּעֶטְוָואס נוּטְצֶען אִיז אוֹיךְ פֶערְשְׁווּאוּנְדֶען גֶעוָוארֶען. פֶּ. עֶ ר, דֶער גַייסְטְלִיכֶער, דֶער דִינֶער גָאטְס, הָאט אִין קֵיין זַאךְ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אַלֶעס אָבְּגֶעלֵייקֶענְט אוּנ הָאט נָארגֶעוַוארְט בִּיז דִי מֶענְשְׁלִיכֶע פֶערְדָארְבֶּענְהַייט זָאל עֶרְגְרֵייכֶען דִי הֶעכְסְטֶע מַדְרֵגָה: אֵיינֶער זָאל דֶעם צְווייטֶען אוֹיסְמָארְדֶען, אוֹיסְשֶׁעכְטֶען, אָדֶער עֶס זָאל עֶפֶּעס אַנַאנְדֶערְאוּמְגְלִיק גֶעשֶׁעהֶן, אַ מַבּוּל, אַ שְׂרֵפָה, אַ מַגֵּפָה, אוּנ אַלֶע זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁען זָאלֶען פַארְשְׁווּאוּנְדֶען וֶוערֶען פוּן דֶער וֶועלְט.

דוּרְךְ דֶער שְׁטֶענְדִיגֶער מִלְחָמָה צְווִישֶׁען שֵׂכֶל אוּנ גֶעפִיהל, צְווִישֶׁען קַאלְטֶען קָאפּאוּנ הֵייסֶען הַארְץ, אִיז פֶּ. עֶ ר שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶוען טְרוֹיעֶרִיג, פַארְטְרַאכְט אוּנ אַבְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן אַלֶעמֶען. זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט עֶר קֵיינְמָאל נִיט אַרוֹיסְגֶערֶעדֶעט אוּנ הָאטטְרַיי אוּנ עֶרְנְסְט גֶעטְהוּן זַיין פְלִיכְט: עֶר הָאט אָפְּגֶעהִיט דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן אַנְדֶערֶע, אוֹיפְגֶעפִיהְרְט זִיךְ וִוי אַ פְרוּמֶער, גָאטְס־טְרַייעֶר מַאנְן, וֶועהְרֶענְד טִיעף אִין הַארְצֶען אִיזגֶעלֶעגֶען דֶער אַבְּשֵׁיילִיכֶער וָוארֶעם, וָואס הָאט שׁוֹין אַלֶעס אוֹיסְגֶעטָאטְשֶׁעט אוּנפַארְוִויסְטֶעט... עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעפִיהְרְט אַזוֹי סְטַאטִישׁ, אַזוֹי שְׁטִיל, גוּט אוּנ פְרוּם, אַז אַלֶע הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ הֵיילִיגֶען וָואס קֶען מִיט זַיין תְּפִלָּה בֶּעוַוייזֶעןוואוּנְדֶער. קֵיינֶעם אִיז גָאר אוֹיף דִי גֶעדַאנְקֶען נִיט גֶעקוּמֶען אַז אָט דֶער הֵיילִיגֶער אִיזאַ לֶעדִיגֶער קֶבֶר, אִין וֶועלְכֶען עֶס לִיעגְט נִיט אֲפִילוּ אַ בִּיסֶעל שְׁטוֹיבּ פוּן גְלוֹיבֶּען אוּנהָאפְפוּנְג, אוּנ דָאס פְרָאסְטֶע פָאלְק הָאט אִיהְם פַארְגֶעטְטֶערְט, גֶעקוּשְׁט דֶעם זוֹים פוּן זַייןמַאנְטֶעל. אַ פֶערְטְרוֹיעֶרְטֶע מוּטְטֶער, וָואס אִיהְר קִינְד אִיז גֶעלֶעגֶען טוֹידְט קְרַאנְק, אִיזאַיינְמָאל גֶעקוּמֶען אִיהְם בֶּעטֶען, עֶר זָאל מִתְפַּלֵל זַיין פַאר אִיהְר קְרַאנְק קִינְד. זִי הָאטפֶעסְט גֶעגְלוֹיבְּט אַז זַיין תְּפִלָּה וֶועט גָאט גֶעוִויס אַיינְהֶערֶען. עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְטצוּזֶעהֶן דֶעם רַחֲמָנוּת פוּן דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער מוּטְטֶער אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען בֶּעטֶען, דָאס

דאס האַרץ. וועט ער דען קענגען איבערלעבען? אַנְטוּאַן האָט אַרומגענומען דעם פּאָטער מיט היץ און די צוויי ברידער האָבען איהם נאָכגעטהון און געקושט דעם פאָטער מיט'ן גאַנצען האַרצען. גילְיאָם האָט מיט פייכטע אויגען געשמייכעלט, דערוואָרעמט פון דער קינדערשער ליעבע.

אין דעם זעלבען אָווענד האָט גילְיאָם געהאט אַ איבעררַאשונג. ס'איז שוין געוואָרען טונקעל ■ייפ'ן גאַס. ער האָט גענומען זיינע פּאַפּירען. צייכנונגען און פּלאַנען פון זיין ערפינדונג, צולעגט אויפ'ן טיש און געוואָלט מאַכען אין זיי אַ אָרדנונג. פּלוצלינג איז אין הויז אַריינגעקומען בערטעוּאַ, זיין לעהרער און פריינד. דער בעריהמטער חעמיקער פלעגט צייטענווייז קומען איהם בעזוכען. ביי גילְיאָמען איז זעהר טהייער געווען די עהרע וואָס איהם בעוויזט דער 70-יאָהריגער מאַן, וועלכער איז אַזוי בעריהמט, מיט גרויסע טשינען, בעהאַנגען מיט מעדאַליען. דאָך היינטיגעס מאָל האָט גילְיאָם געפיהלט, אַז בערטעוּאַ איז געקומען אַהער נור פון נייגיער, און דאַרום איז ער צורודערט געוואָרען און גענומען געשווינד אַראָפּקלייבען פון טיש די פּאַפּירען מיט די צייכנונגען.

— האָט קיין מורא ניט – האָט געזאָגט פרעהליך און חיטרע בערטעוּאַ – איך בין ניט געקומען אַוועקגַנְבֶענען אייערע סודות... לאָזט אַלסדינג ליעגען אויפ'ן טיש, איך פאַרשפּרעך אייך, קיין זאַך ניט לעזען.

בכַוָונה האָט ער געמאַכט אַ רעדע פון די רייסענדע מאַטעריאַלען, איבער וועלכע ער האָט אויך שטודירט מיט גרויס פלייס. ער האָט געמאַכט נייע ענטדעקונגען און זיי ניט בעהאַלטען פאַר קיינעם. אַגב האָט ער ערצעהלט, ווי מען האָט זיך מיט איהם בעראַטהען בשעת ס'איז געווען סאַלוואַס פּראָצעס. ער פאַנטאַזירט שטאַנדיג צו ערפינדען אַ מאַטעריאַל וואָס זאָל האָבען אַ שרעקליכען כּחַ צו צורייסען, און נאָכדעם וועט ער פּרובען רעגירען מיט'ן מאַטעריאַל, מאַכען איהם פאַר אַ אונטערטהאַניגען קנעכט צום מענשליכען געברויך.

שמייכלענדיג האָט ער צוגעגעבען:

— איך וויל מיר גיט ברעכען דעם קאָפּ צו טרעפפען, וואו דער משוגענער האָט געקריגען זיין פולווער. נאָר אויב איהר וועט אַ מאָל טרעפפען ווי יענער שרעקליכער פולווער ווערט געמאַכט, זאָלט איהר וויסען, אַז אין איהם ליעגט די גאַנצע צוקונפט, דהיינו: מען זאָל די רייסענדע מאַטעריאַלען בענוצען פאַר אַ כּחַ צו בעוועגען מאַשינען. מחשבות'ן וועגען סאַלוואַן — איהם הרגע'ט מען איבערמאָרגען. ביי מיר איז דאָ אַ גוטער פריינד אין יוסטיץ-מיניסטעריום, און ער האָט מיר דאָס געזאָגט.

דערהערענדיג די נייעס איז גילְיאָם אויפגעבראַכט געוואָרען.

— דאָס וועט זיין אַ רציחה! — האָט ער אויסגעשריען מיט היטץ.

בערטעוּאַ האָט אַ ציה געגעבען די אַקסלען.

— וואָס זאָל מען טהון? ביי אונז איז פאַראַן אַ געזעללשאַפט און זי שיצט זיך

וען מֶען בֶּעפַאלֶלְט אויף אִיהר . . . אונ בֶּאֱמֶת זַיינֶען דִי אַנַארְכִיסְטֶען גְרויסֶע נַארָאנִים ,
איב זַיי מֵיינֶען אִיבֶּערְמאכֶען דִי וֶועלְט מִיט זֵייעֶרֶע בָּאמְבֶּעס . נור דִי וְויסֶענְשַׁאפְט
עֶנֶן בְּרֶענְגֶען גְליק אונ פְרִיעדֶען אויף דֶער עֶרְד .

מִיט דֶער הַאנְד הָאט בֶּערְטֶערוֹא אָנְגֶעווִיזֶען אויף פַּארִיז , הִינְטֶער וֶועלְכֶען ס'אִיז
עצְט אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען דִי בְּלַאסֶע זוּנֶן .

— אִיהר הֶערְט ווִי עֶס הִילְכְט ? דָאס הַאלְטֶען מִיר דָאךְ שְׁטֶאנְדִיג אוּנְטֶער דֶעם
פייעֶר , לֶעגֶען פְרִישֶׁע הֵייצוּנְג אוּנְטֶערְן גְרוֹיסֶען קֶעססֶעל דִי ווִיסֶענְשַׁאפְט הֶערְט
אַפִילוּ אֵיין אֵיינְצִיג שָׁעָה נִיט אויף אִיהר אַרְבֵּייט , זִי בֶּעשַׁאפְט פַּארִיז אונ פַּארִיז
ועט בֶּעשַׁאפֶען דִי גְלִיקְלִיכֶע צוּקוּנְפְט . מֶען בֶּעדַארְף הָאפֶען . . . אַלֶע אִיבְּרִיגֶע
קוּנְצֶען זַיינֶען בְּלָאטֶע !

---

V.

גִילְיָאם הָאט דוּרְכְאוּיס גֶעוָואלְט זַיין בְּשַׁעַת מֶען וֶועט סאלְוַואן טֶאדְטֶען , אונ
פְיֶער הָאט גֶעמוּזְט נָאכְגֶעבֶּען , גֶעהְן מִיט אִיהם פַארְטָאג אִין דִי אָרִימֶע , פִינְסְטֶערֶע
גאסֶען פוּן פַּארִיז , וואו , נִיט וַוייט פוּן גֶעפֶאנְגְנִים , אִיז גֶעוֶוען אויפְגֶעשְׁטֶעלְט דִי
גִילְיָאטִינַא (מַאשִׁין אָפְּהַאקֶען דֶעם קָאפּ) .

אונ דִי צְווַיי בְּרִידֶער הָאבֶּען גֶעזֶעהְן דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע סְצֶענֶע , ווִי מֶען הָאט דֶעם
אוּמְגְלִיקְלִיכֶען אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן גֶעפֶאנְגְנִים , גֶעבּוּנְדֶען הֶענְד אונ פִים , אַרוֹיפְגֶעוָוארְ־
פֶען אויפְ'ן בְּרֶעט ווִי אַ ווִילְדֶע חַיָה אונ דֶער שַׁארְפֶער מֶעססֶער הָאט אִין אַ סֶעקוּנְדֶע
אָפְּגֶעהַאקְט זַיין קָאפּ .

דִי אוּנְגֶעהֵייעֶרְלִיכֶע סְצֶענֶע הָאט גֶעמַאכְט אויף גִילְיָאמֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען אֵיינְ־
דְרוּק אונ פוּן דַאמָאלְס אָן אִיז עֶר אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אַ פֶערְטְרַאכְטֶער , אַ פֶערְחְמוּרֶעטֶער ,
גאנְצֶע שָׁעָה'ן אִיז עֶר גֶעזֶעססֶען אונ גֶעטַאכְט זַיין גֶעפֶאהְרְלִיכֶען פוּלְוֶוער , גַאנְצֶע
טֶעג , אונ נָאכְדֶעם פְלֶעגְט עֶר עֶרְשְׁט פֶערְשְׁווּאוּנְדֶען וֶוערֶען אונ קוּמֶען צוּרִיק אַ
מִיעדֶער , אָהְן כֹּחוֹת .

אֵיינְמָאל הָאט פִּיֶער בֶּעמֶערְקְט , ווִי גִילְיָאם אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אונ מִיטְגֶעטְרָא־
גֶען אַ פוּלֶלֶען טְשֶׁעמָאדַאן . וָואס אִיז דָארְט אָנְגֶעפַּאקְט אונ וָואהִין טְרָאגְט עֶר דָאס ?
בַּאלְד אָבֶּער אִיז אִיהם אַלֶּ'ן עֶרְקְלֶערְט גֶעוָוארֶען אונ עֶר אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען ווִי פוּן
אַ דוּנֶער דֶערְשְׁלָאגֶען .

אֵיין טָאג , אַרֵיינְקוּמֶענְדִיג אִין מַייסְטֶער־שְׁטוּב , הָאט עֶר גֶעפוּנֶען גִילְיָאמֶען
אַלֵיין מִיט דֶער אַלְטֶער שְׁווִיגֶער אונ נִיט ווִילֶענְדִיג הָאט עֶר גֶעהֶערְט זֵייעֶר גֶעשְׁפְּרֶעךְ :
גִילְיָאם הָאט מִיט טְרֶערֶען זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט דֶער בָּאבּוּנְיוּ אויף עֶבִּיג . הַיינְט אִיז אִין
דֶער גְרוֹיסֶער קִירְכֶע אויף כָאנְמַארְטְר אַ פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן טוֹיזֶענְדֶער מֶענְשֶׁען אונ
הַיינְט , פּוּנְקְט אוּם זַיינֶער פִיעֶר , וֶועט עֶר אויסְפִיהְרֶען זַיין פְּלַאן .

פִ י ֶע ר הָאט זִיךְ פַארְשְׁטֶעקְט און הָאט שׁוֹין דִי גַאנְצֶע צַייט גֶעהִיטֶעט דָעם בְּרוּדֶער, נָאכְגֶעגַאנְגֶען וואוּהִין עֶר גֶעהְט, און אַזוֹי אִיז עֶר שְׁטִילל אַרַיין נָאךְ אִיהם דוּרךְ אַ פֶערְבָּארְגֶענֶעם וֶועג אִין דִי קֶעללֶערְן פוּן דֶער קִירְכֶע, וואוּ ס'אִיז גֶעוֶועזֶען אַנְגֶעזַאמֶעלְט פִיעל פּוּלְוֶוער און גִילְיָאם אִיז גֶעוֶועזֶען גְרֵייט אוּנְטֶערְצִינְדֶען דָעם פּוּלְוֶוער, צוּרַייסֶען זִיךְ און דִי קִירְכֶע מִיט אַללֶע מֶענְשֶׁען, זִיךְ נוֹקֵם זַיין פוּן דֶעם פַארְדָארְבֶּענֶעם פַּארִיז, וואוּ אָרִימֶע לַייט מוּזֶען שְׁטַארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער אָדֶער גֶעהַרְגֶעט וֶוערֶען אוֹיף דֶעם עֶשַאפָאט...

פִיעל מִיהֶע און טְרֶערֶען הָאט גֶעקָאסְט פְּיֶער'ן אָפְּהַאלְטֶען דֶעם בְּרוּדֶער פוּן ווִילְדֶען, שְׁרֶעקְלִיכֶען פְּלַאן. אִין בַּעַם וָואס מֶען שְׁטֶערְט אִיהם, הָאט גִילְיָאם זָאנַאר גֶעוָואַרְפֶען דֶעם בְּרוּדֶער אוֹיפְ'ן קָאפּ אַ גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין; פוּן קְלַאפּ אִיז פְּיֶער אוּמְגֶעפַאללֶען ווִי טוֹידְט, און עֶרְשְׁט דַאמָאלְס הָאט גִילְיָאם אַיינְגֶעזֶעהֶן וָואס מִיט אִיהם גֶעהְט פָּאהר, זַיין הַארְץ אִיז גֶעבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, און דֶערְוֶועהֶענְדִיג אַז פְּיֶער לֶעבְּט, הָאט עֶר אִיהם גֶעחַאפְּט קוּשֶׁען און גֶעשְׁוָוארֶען, אַז יֶעצְט וֶועט עֶר שׁוֹין אַוֶועקְוַוארְפֶען דִי ווִילְדֶע פְּלֶאנֶער, דוּרךְ וֶועלְכֶע עֶר אִיז שִׁיעֶר גֶעוָוארֶען ווִי קַיִן, גֶעוָואלְט טוֹידְטֶען דֶעם אֵייגֶענֶעם בְּרוּדֶער. עֶר וֶועט שׁוֹין יֶעצְט לֶעבֶּען און אַרְבֵּייטֶען און זַיין צוּפְרִיעדֶען.

* * *

אַ יָאהְר מִיט דְרַיי מָאנַאטֶען זַיינֶען אַרִיבֶּער. אִין אַ לוּיטֶערֶען טָאג אִין סֶעפְּטֶעמְבֶּער, הָאט גִילְיָאם מִיט דֶער פַאמִילְיֶע גֶעפְרִיהשְׁטִיקְט אִין זַיין מַייסְטֶער-שְׁטוּב, פוּן וַואנֶען מֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעזֶעהְן גַאנְץ פַּארִיז.

נִיט וַוייט פוּן טִישׁ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ ווִיעגֶעל מִיט פַארְקַאטְשֶׁעטֶע פָארְהַאנְגֶעלֶעךְ און אִינְוֶוענִיג אִיז גֶעשְׁלָאפֶען זְ שַׁ א ן, אַ גְרָאבִּינְקֶער קִינְד, אַלְט פִיעְר מְאנַאט — פְ יֶ ע ר'ס און מַארִיס קִינְד. דִי יוּנְגֶע לַייט הָאבֶּען גֶעמַיינְט צוּלִיעבּ טְהוּן גִילְיָאמֶען, וֶועלְכֶער הָאט פֶערְלַאנְגְט צוּ פַארְגְרֶעסֶערֶען אַרוּם זִיךְ דִי פַאמִילְיֶע. און הָאבֶּען נָאךְ דֶער חֲתוּנָה זִיךְ בֶּעזֶעצְט דָא, אִין דֶער קְלֵיינֶער קְוַוארְטִיר אִיבֶּער דֶער מַייסְטֶער-שְׁטוּב, און דָאס הוֹיז אִין גַיילִי גֶעלָאזְט פִּיסְט, אַיינְגֶעשְׁלָאפֶען און פֶערְאַיינְזַאמְט, אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָחָה פוּן דֶער אַלְטֶער דִיעֶנְסְט סָאפִי. דָאס לֶעבֶּען אִיז גֶעפְלָאסֶען רוּהִיג און גְלִיקְלִיךְ. שׁוֹין בַּאלְד אַ יָאהר אַז זַיי גֶעהֶערֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען.

אַרוּם דֶער קְלֵיינֶער פַאמִילְיֶע הָאט גֶעהֶערְשְׁט פְרִיעדֶען, לִיעבֶּע און אַרְבֵּייט; פְ רַ א נְ ס ו אַ, וֶועלְכֶער הָאט נָאר-וָואס גֶעעֶנְדִיגְט דֶעם קוּרס אִין דֶער נָארְמַאל-שׁוּלֶע, הָאט בֶּעקוּמְמֶען אַללֶע דִיפְּלָאמֶען פוּן אַ גֶעלֶעהְרְטֶען מַאנְן, און זִיךְ גֶעקְלִיבֶּען אַוֶועקְפָאהְרֶען אִין אֵיינֶע פוּן דִי פְרַאנְצֶאזִישֶׁע שְׁטֶעדְט, וֶוערֶען אַ פְּרָאפֶעסָאר.

אַנְטוּאַן הָאט גֶעהַאט אַ שְׁטַארְקֶע פְּעוּלָה אִין זַיין קוּנְסְט און אוֹיסְגֶעקְרִיצְט אוֹיף הָאלְץ פִיעל זֶעלְטֶענֶע בִּילְדֶער, וֶועלְכֶע שְׁטֶעלְלֶען פָאר פֶערְשִׁיעדֶענֶע סְצֶענֶעס פוּן פַּארִיזֶער לֶעבֶּען. עֶר הָאט זִיךְ גֶעקְלִיעבֶּען אוֹיף פְרִיהלִינְג חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט לִ י זַ א' ן, דֶעם סְקוּלְפְּטָאר זְ שַׁ א הַ א נְ'ס שְׁוֶועסְטֶער, וֶוען אִיהר וֶועט וֶוערֶען אַכְצֶעהְן יָאהְר. נָאר דֶער גְרֶעסְטֶער מוּצְלַח פוּן אַללֶע דְרַיי זִיהְן אִיז גֶעוֶועזֶען טָ א ם, וֶועלְכֶער הָאט

סוף כָּל סוף גֶעעֶנְדִיגְט דִי עֶרְפִינְדוּנְג פוּן אַ קְלֵיינֶעם מָאטָאר, בֶּענוּצֶענְדִיג דֶעם פָּאטֶערְם אַ אֵיינְפַאל. אֵיינְמָאל אִין דֶער פְרִיה, אַ קוּרְצֶע צַייט נָאכְדֶעם וִוי דֶער בְּרוּדֶער הָאט אִיהם אָפְּגֶעהַאלְטֶען נִיט צוּרַייסֶען דִי קִירְכֶע מִיט דִי טוֹיזֶענְדֶער מֶענְשֶׁען, אִיז אִיהם פְּלוּצְלִינְג אַיינְגֶעפַאלֶען אִין קָאפּ, בֶּענוּטְצֶען דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען פוּלְוֶוער פַאר אַ בֶּעוֶועגוּנְגס־קְרַאפְט, צוּ בֶּעוֶועגֶען דֶעם קְלֵיינֶעם מָאטָאר, וָואס טָאם אַרְבֵּייט אִיבֶּער אִיהם שׁוֹין אַזוֹי לַאנְג פַאר גְרַאנְדִידְיֶעס פַאבְּרִיק. גִילְיָאם הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דֶער אַרְבֵּייט צוּזַאממֶען מִיט'ן זוּהְן, גֶענוּמֶען אוֹיסטְרַאכְטֶען אַ נַייֶעם מֶעחַאנִיזְמוּס, בֶּעגֶעגֶענְט פִיעל שְׁווִירִיגְקַייטֶען, אָבֶּער עֶנְדְלִיךְ הָאבֶּען זַיי גֶעפוּנֶען וָואס זַיי בֶּעגֶעהְרֶען; יֶעצְט שְׁטֶעהְט דִי מַאשִׁין אַ פַארְטִיגֶע פַאר'ן פֶענְסְטֶער אוֹיף אַ דֶעמְבֶּענֶעם פָאסְטַאמֶענְט!

* *
*

אִין הַייזֶעל, וֶועלְכֶעס אִיז יֶעצְט אַזוֹי פְרֶעהְלִיךְ אוּנ רוּהִיג, הָאט דִי אַלְטֶע בָּאבוּנְיוּ אוֹיךְ יֶעצְט רֶעגִירְט אוּנ אַללֶע הָאבֶּען זִי גֶעפָאלְגְט וִוי אַ קֵייזֶערִין. אִיבֶּעראַל אִיז זִי גֶעוֶועזֶען אוּנ אַלְסְדִינְג פֶערְזָארְגְט, הֲגַם ס'הָאט אוֹיסגֶעוִויזֶען, אַז זִי גֶעהְט קֵיינְמָאל נִיט אַוֶועק פוּן אִיהר אָרְט בַּיים אַרְבֵּייט טִישׁ. אַז זְשַׁאן אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, הָאט זִי פֶערְלַאנְגְט צוּ עֶרְצִיעהֶען אִיהם, אַזוֹי וִוי זִי הָאט עֶרְצוֹיגֶען גִילְיָאמְס דְרַיי זִיהְן; זִי אִיז נָאךְ אַלְץ גֶעוֶועזֶען מוּנְטֶער, שְׁטַארְק אוּנ אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען מִיט'ן לֶעבֶּען דֶער פַאמִילְיֶע. גְלַייךְ זִי וָואלְט גֶעוֶועזֶען זִיכֶער, אַז זִי וֶועט קֵיינְמָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען, כָּל זְמַן זִי וֶועט הָאבֶּען נָאהֶענְטֶע מֶענְשֶׁען, צוּ פִיהְרֶען זַיי, לִיעבֶּען אוּנ רַאטֶעוֶועןן זַיי. מַארִי אִיז עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוֶועזֶען פוּן אִיהר מוּנְטֶערְקַייט — זִי אַלֵיין הָאט מַאנְכֶעס מָאל גֶעפִיהְלְט אַ מִיעדְקַייט, בִּפְרַט צַייט זִי זַייגְט דָאס קִינְד, אָבְוואהְל זִי הָאט גֶעבְּלִיהְט אִין גֶעזוּנְט אוּנ שְׁטֶאנְדִיג גֶעוֶועןן פְרֶעהְלִיךְ.

אוֹיף אַזַא אוֹפָן אִיז בַּיי זְשַׁאנ'ס וִויעגֶעלֶע גֶעוֶועןן צְוַויי גֶעטְרַייֶע מִיטֶער, אוּנ דֶערְוַוייל אִיז פְיֶער גֶעוָוארֶען טָאמְס אַ הֶעלְפֶער, פְלֶעגְט צוּבְּלָאזֶען מִיט'ן בְּלָאזַאק דָאס פַייֶער אוֹיפְ'ן אוֹיוֶועלֶע פוּן קוּזְנֶע, גֶעמַאכְט חֲלָקִים אוּנ גְלִיעדֶער פוּן מַאשִׁינֶעס אוּנ זִיךְ גֶעלֶערְנְט זַיין אַ מֶעחַאנִיק.

הַיינְט בַּיים פְרִיהשְׁטִיק אִיז פְיֶער גֶעזֶעססֶען אַ פֶערְטְרַאכְטֶער. עֶר אִיז נָאר וָואס גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם אַלְטֶען גַייסְטְלִיכֶען רָאז, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט רוּפֶען פַאר'ן טוֹידְט. דִי ווִיזִיטֶע בַּיים גַייסְטְלִיכֶען הָאט אִיהם דֶערְמָאנְט דִי אַמָאלִיגֶע צַייט, וֶוען עֶר אִיז נָאךְ אַלֵיין גֶעוֶועןן אַ גַייסְטְלִיכֶער אוּנ זִיךְ גֶעמוּטְשֶׁעט אָהְן אֱמוּנָה, אָה־ ח אוּנ אָהְן אַ צִיעל אִין לֶעבֶּען. פְּלוּצְלִינְג אִיז זַיין הַארְץ עֶרְפִּילְלְט גֶעוָוארֶען מִיט אַ הִימְלִישֶׁע פְרֵייד. דָאס גֶעשְׁרַיי פוּן זַיין זוּהְן, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ דִי מִינוּט אוֹיפְגֶעחַאפְּט, הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן זַיין פֶערְטְרַאכְטְקַייט; אַמָאל הָאט עֶר זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ פַארְלָארֶענֶעם, אוֹיסְגֶעמֶעקְט פוּן לֶעבֶּען, אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין אַ אָבְּגְרוּנְד, אָבֶּער דִי לִיעבֶּע הָאט אִיהם אַרוֹיסגֶעשְׁלֶעפְּט פוּן דָארְטֶען אוּנ עֶר אִיז

גֶעבְּלִיעבֶּען בַּיי יָ־ן כּחַ, אַ סִימָן אִיז דָאךְ אָט דָאס קִינְד, דָאס לִיעבֶּע גֶעזוּנְטֶע פְּרֶאה־ לִיבֶּע קִינְד, הָאס אִיז פוּן אִיהם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָואֹרֶען.

אוים פִינְסְטֶערְנִיש, אוים צָרוֹת. עֶר אִיז גֶערַאטֶעוֶועט, אִיז גְלִיקְלִיךְ, הָאט גֶעפוּנֶען דֶעם רֶעכְטֶען צִיעל פוּן לֶעבֶּען: אַרְבֵּייטֶען אֶרֶענְטְלִיךְ, לִיעבֶּען, זַיין אַ גֶעטְרַייעֶר מאַנְן, אַ לִיעבֶּענְדֶער פָאטֶער אוּנ אַ גוּטֶער מֶענְש צוּ מֶענְשֶׁען!

## ענדע.



# דאס לעבען פון א פרוי

(UNE VIE)

ראָמאַן

## פון גיו־דע מאפאסאן

(מיט אילוסטראציאָנען)

---

איבערזעצט פון

## מ. קאַטץ

---

### פרייז 30 סענט.

---


ווארהייט פאבלישינג קאמפאני

153 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.


---

# פארווארט פון איבערזעצער

גי־דע־מאופאסאן׳ס ווערקע ווערן גערעכענט אין דער געשיכטע פון ליטעראטור אלס דיא העכסטע מדרגה אין דער שוהלע פון ראמאנטישען רעאליזם, און פון אלע זיינע ווערקע קען מען כמעט מיט זיכערהייט זאגען, אז דיזער ראמאן „דאס לעבען פון א פרוי,״ וועלכע רופט זיך אין פראנצויז „אן וויע״ (א לעבען) איז דער בעסטער אויסדרוק פון זיין ראמאנטיש־רעאליסטישען טאלאנט.

עס זיינען פאראן ווערקע, וואס ווערן אנערקענט פון דער קונסט־קריטיק אהן אויסנאהם, גלייך ביי זייער ערשיינען און פארפעסטיגען שוין זייער הויכען ווערטה אין דעם הויכען גראד פון קונסט, צו וועלכען דער פערפאסער האט מיט זיי הערגרייכט. אזא קונסט־ווערק אין דער בעלעטריסטישער ליטעראטור איז דער פאַרליגענדער ראמאן. גלייך וויא ער איז ערשיענען (אין 1883) האט ער געמאכט א רושם אין דער וועלט און עס האבען זיך אויפגעהערט צו טהיילען מיינונגען וועגען מאופאסאנס קונסט־זשעניאליטעט — ער איז פון דער גאנצער קונסט־קריטיק אוועקגעשטעלט געווארען אלס דער העכסטער מייסטער פון־ פראנצויזישען ראמאנטישען רעאליזם, און אט וואס באלד נאך דעם ערשיינע פון דיזען ווערק האט געשריבען דער גרויסער גאון אין ליטעארישער קונסט און גרעסטער מאראליסט אין דער וועלט לעוו טאלסטאי:

„אן וויע — שרייבט ער — איז דער בעסטער טיפ פון א ראמאן און לויט מיין אורטהייל איז עס דאס גרעסטע ווערק וואס איז פראדוצירט געווארען פון א פראנצויזישען שריפטשטעלער, זינט וויקטאר הוגא האט אנגעשריעבען זיין „לע מיזעראבל״. דורכלעזענדיג דיא קראפט און דיא גלייכע ווענדונג פון דער פולער פעסטקייט, פון דעם חן און פון. דעם טיעפען בליק, מיט וועלכעם דער שרייבער בעהאנדעלט דיא מענשליכע נאטור, וועלכע ער געפינט אין דעם לעבען, וואס ער שילדערט״... „איך געפין אין דעם בוך, מיט דערזעלבער קראפט אויך, דיא דריי הויפט אייגענשאפטען, וואס זיינען נויטהווענדיג אין א גרויסען ווערק, און נעמליך: א מאראלישען צוועק, דעם ריינסטען סטיל און אבסאלוטע אויפריכטיגקייט. מאופאסאן איז א מאן, וועמעס זעה־קראפט האט אריינגעדרונגען אין דיא שטילע טיעפעניש פון מענשליכען לעבען און דארט פון גרונד אויס פערטייטשט דעם קאמפף פון דער מענשהייט.״

ווען דאס איז דיא מיינונג פון דעם גאון־ליטעראט און פון דעם גרויסען מאראל־פריידיגער פון אונזער צייט, וואס בלייבט דען מעהר צו זאגען? און אזוי איז אויך דיא אויסגעשפראכענע מיינונג פון דער ליטעראטור־קריטיק אויסגעדריקט אין דיא מיינונגען פון דיא בעסטע פון איהרע פארשטעהער איבער דיזען ראמאן פון דעם גרויסען פראנצויזישען דיכטער־נאוועליסט.

איך האב געזעהן אין דער אידישער איבערזעצונג צו בלייבען טריי דעם אריגינאל אויף וויפיעל מיינע פעהיגקייטען האבען דאס מעגליך געמאכט און אויף וויפיעל אן איבערזעצונג אין אידיש ניט פון פראנצויזישען אריגינאל, נור פון דער ענגלישער איבערזעצונג, האט געקענט דיזע פאדערונג נאכקומען. קיין ענדערונגען האב איך זיך ערגעץ ניט ערלויבט, זעלבסט־פערשטענדליך, נור בלויז אין זעהר זעלטענע פעלע אן עטוואס פערקירצונג פון לאנדשאפטס־שילדערונגען איבער דעם מאנגעל פון נעמען פון זאכען אין אונזער נאך ארעמער שפראך.

וויניג אזעלכע ריין קינסטלערישע און בעלעטריסטישע ווערקע זיינען פאראן אין אונזער אידישער שפראך, וועלכע האט ערשט ניט לאנג אנגעהויבען ליטעראריש צו לעבען, און אזא בוך דארף זיך רעכענען פאר א גוטען חלק אין דעם קליינינקען אוצר פון בעסערע ליטעראטור אין אידיש.

**דער איבערזעצער.**

# דער פּאַפּעל־בוימער שלאָס

ווען זשאַנע האָט שוין געהאַט איינגעפּאַקט איהרע קאַסטענס איז זיא צוגעגאַנגען צום פענסטער; דער רעגען האָט נאָך ניט אויפגעהערט צו גיסען. א גאַנצע נאַכט האָט דער גוס רעגען געקלאַפּט אין דיא שויבען פון דיא פענסטער און אין דאַך. עס האָט אויסגעזעהען אזוי וויא דער הימעל, אַן אַנגעווייקטער מיט וואַסער, האָט זיך ארונטערגעלאָזען, האָט געפּלאַצט און ליידיגט זיך אוים אויף דער ערד. דאָס רוישען פון דיא איבערפלייצטע קאַנאַוועס האָבען פול געמאַכט מיט וואַסער דיא פערלאָזענע גאַסען, אין וועלכע דיא הייזער האָבען אריינגעזויגט דיא פייכטקייט וויא גאָמקעס, אזוי אז אינווייניג האָבען דיא ווענד געשוויצט פון קעלער ביז דער שאַלקע.

ערשט נעכטען האָט זשאַנע פערלאָזען דעם קלויסטער און איז געוואָרען ענדליך פריי, אויף אימער פריי און פאַרטיג הנאה צו האָבען פון אַלע פערגעניגענס וואָס דאָס לעבען קען געבען; זיא האָט איצט מורא געהאַט, אז איהר פאָטער וועט זיך ניט ריהרען פון דאַנען ביז וואַנען דער רעגען וועט ניט אויפהערען, און זיא איז שוין דעם הונדערסטען מאָהל זיינט אין דער פריה צוגעגאַנגען צום פענסטער און געזוכט אויסצופאָרשען דיא הימלען.

זיא האָט זיך געכאַפּט דאַן, אז זיא האָט פערגעסען אריינלעגען דעם קאַלענדאַר אין איהר רייזע־טאַש. זיא האָט צראָבגענומען פון וואַנד דיא קאַרטע, וועלכע איז געווען איינגעטהיילט אין חדשים און אין מיטען פון וועלכע עס איז געווען א שעהנע צייכנונג מיט גילדענע אותיות דער יאָהר 1819. זיא האָט פאַרמעקט דיא ערשטע פיער שפּאַלטען, דעם נאָמען און ציפער פון יעדען טאָג, ביז זיא איז צוגעקומען צום צווייטען מאַי — דער טאָג אין וועלכען זיא איז פריי געוואָרען פון קלויסטער.

— זשאַנע — האָט זיא דערהערט אַ קול פון יענע זייט טהיר.

באַראָן סימאָן־זשאַק לע פערטואי דע־וואָו איז געווען אן אדעליגער נאָך פון פאַריגען יאָהרהונדערט, א משוגענער, גוטהערציגער מענש; אַלס א בעגייסטערטער תלמיד פון זשאַן־זשאַק רוססאָ האָט ער געליעבט דיא נאַטור, דיא פעלדער, דיא וועלדער און ברואים.

אַן אריסטאָקראַט פון געבורט, האָט ער געהאַסט אינסטינקטיוו דעם רעוואָלוציאָנערען יאָהר 1793. אַבער זייענדיג לויט טעמפּעראַמענט א פילאָזאָף מיט א ליבעראַלער ערציהונג האָט ער געהאַסט און ניט געקענט דערליידען טיראַניי. זיין הויפּט קראַפט ווי זיין הויפּט שוואַכקייט איז בעשטאַנען אין זיין גוטער נאַטור; פון יענע גוטע נאַטורען, וועלכע האָט ניט גענוג אָרעמס ארומצונעהמען אַלעם און צודריקען צום ברוסט מיט צערטליכקייט און האַרציגקייט; א שאַפענדע גוטע נאַטור אָהן דעם כח צוריקצוהאַלטען זיך, ווייל עס פעהלט ווילענסקראַפט, ענערגיע, פשוט אַן עבירה.

זייענדיג א מענש פון טהעאָריען, האָט ער אויסגעקלערט א גאַנצען פּלאַן וויא צו ערציהען זיין טאָכטער, וועלכענדיג מאַכען זיא גליקליך, אויפריכטיג, גוטהערציג און צערטליך. ביז א יאָהר צוועלף איז זיא געבליבען אין דערהיים, און ווען זיא איז אַלט געוואָרען צוועלף

יאָהר, האָט ער זיא אריינגעגעבען אין א קלויסטער, ניט קוקענדיג אויף איהר מוטער'ס טרערען; אין'ם קלויסטער פון דאס „הייליגע הארץ" איז זיא אריינגעגעבען געוואָרען פיר ווייטערע ערציהונג.

מען האָט זיא דאָרט געהאַלטען גאַנץ שטרענג, פערשלאָסען, זיא זאָל ניט וויסען פון מענשליכע מעשים. ער האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלען איהם זיא אומקעהרען אַן אונשולדיגע, ווען זיא וועט אַלט זיין זיעבצעהן יאָהר, א ריינע, א ציכטיגע, און ער וועט שוין זיא אליין טובל זיין אין א מין מקוה פון פּאָעזיע. אין מיטען פון דיא גרינענדע פעלדער, ארומגערינגעלט פון פרוכטבאַרען לאַנד, דאָרט זאָל זיך צוערשט צוזאַפּענען איהר יונגע נשמה; איהר נאַטיורע אונשולד זאָל נאָך פערשאַרפט ווערען פון דעם אנבליק פון ניט געקינצעלטער ליעבע פון די איינפאַכע צאַרטקייט פון דיא טהירען און פון דיא שאָרפע, שטרענגע געזעצע פון לעבען.

זיא האָט פערלאָזען איצט דעם קלויסטער לייכטענדיג פון פרייד, פול מיט לוסט און אַפּעטיט גליקליך צו זיין, פאַרטיג הנאה צו האָבען פון אַלע פּעשיערענע רייצונגען און צויבערליכע העקסלונגען, וועלכע זיא האָט אין איהרע געדאַנקען שוין דורכגעלעבט אין די ליידיג פערבראַכטע טעג וויא אין דיא לאַנגע נעכט, און וועלכע זיינען געוואָרען איהרע האָפנונגען און איהרע איינזאַמקייט.

וויא א מאַהלערישעס בילד פון'ם קינסטלער פּאָול וועראָנעז האָט זיא אויסגעזעהען; א הרע גאָלדינג־בלאָנדע שיינענדע צעפּ, האָבען בעלויכטען איהר לייב, אַז אַדעליגעס לייב, צאַרט־ווייס מיט א רויזען רויטליכע בעפאַרבונג; א מין בלייך־רויזיגע זאַמט, נור־וואָס געקוסט פון דער זונן. איהרע אויגען זיינען געווען בלוי, יענע גערינגט־טיעפע בלויקייט, וועלכע מען זעהט אין דיא פּיגורען אויף האָלענדישע פאַיאַנס. אויף איהר לינקע זייט נאָז־לעבעל איז געווען א קליינינקע חן־פינטעל און נאָך איינע צו רעכטס אויפ'ן אונטער־בעקעל, אויף וועלכער עס זיינען געווען עטליכע הערלעך, פּונקט אזוי וויא איהר לייב, אַז זיי זיינען כמעט גאָר ניט קענטיג געווען. הויך־געוואַקסיג איז זיא געווען מיט א גוט־ענטוויקעלטע ברוסט, בייגזאַמע טאַליע און בעוועגליכע פיגור. איהר קלאָהרע שטימע איז געווען צייטענווייז א ביסעל צו שאַרף, אָבער איהר פרייער, אָפענער געלעכטער האָט צושפּרייט פרייד ארום איהר. אָפט פלעגט זיא אזוי רייצענד מיט אַן איינגעוואוהנטער בעוועגונג א טראָג טהאָן איהרע ביידע הענד צו איהרע שלייפען אזוי וויא א גלעט צו טהאָן איהרע האָאָר.

זיא איז איצט צוגעלאָפען צו איהר פאַטער, האָט איהם ארומגענומען און געקוסט.

— נו, פאָהרען מיר שוין אמאָל? — האָט זיא געפרעגט.

ער האָט א שמייכעל געטהאָן און א טרויסעל געטהאָן מיט זיינע גרויזגרויע לאַנגע לאָקען, וויזענדיג מיט'ן האַנד צום פענסטער:

— וויא קענען מיר פאָהרען אין אזא וועטער?

זיא האָט זיך אָנגעהויבען בעטען, לאַזשצען זיך צו איהם:

— אַ, פּאַפּאַ, לאָמיר שוין אמאָל פאָהרען; עס וועט קלעהרער ווערען נאָך מיטאָג.

— אָבער דיין מאַמע וועט ניט איינוויליגען

— יאָ, פּאַפּאַ, זיא וועט, איך פערזיכער דיך, איך וועל פאַר איהר פעראַנטוואָרטליך זיין. וואָס אַרט דיך, פּאַפּאַ.

— נו, אויב דוא קענסט דאָס אויספיהרען ביי דער מאַמען, דאַן בין איך איינגעשטימיג און לאָמיר פאָהרען.

זשאנע האט זיך דערפרעהט און איז געלאפען צו דער באראנינס צימער. ווארום זיא האט געווארט אויף אבפאה־רען אלץ מיט א גרעסערע אונגעדולד. זייט זיא איז אנגעקומען אויף ערציהונג אין קלויסטער פון „דאס הייליגע הארץ“, איז זיא ניט ארויסגעפאהרען פון רוען; איהר פאטער האט ניט ערלויבט קיין אבטרעטען פון זיין פלאן בעפאר זיא איז זיעבצעהן יאהר, וויא ער האט בע־שטימט. און איצט פאהרט זיא דאס צום ערשטען מאהל פערברייננגען דעם זומער אין זייער מאיאנטעק „דיא פא־פעל־בוימער“, אן אלטער פאמיליען־שלאס פון דיא באראנען וועלכע גע־פינט זיך אויף א פעלזען־שפיץ נאהענט פון ברעג ים; און זיא האט שוין פאר־איס געאהנט דיא אונבעגרענצטע פרייד פון פריי לעבען אויף דעם ברעג פון די כוואליעס דערצו האט זיא דאס דעם שלאס איצט בעקומען אלס מתנה פון איהרע עלטערען און דארט וועט זיא וואהנען ווען זיא וועט חתונה האבען. און דא הערט גאר ניט אויף דער רע־גען צו גיעסען פון נעכטען אן, פון דעם טאג אן וואס זיא איז פריי געווארען פון קלויסטער; דאס איז געווען דיא ערש־טע גרויסע זארג פון איהר לעבען.

אבער אין עטליכע מינוט ארום איז זיא שוין געקומען צולויפען צוריק פון מוטער'ס צימער, שרייענדיג אין דער הויף:

— פאפא, פאפא, מאמא האט איינ־געוויליגט מיר זאלען פאהרען, דו קענסט הייסען שפאנען.

דער מבול איז נאך ניט קלענער געווארען, פארקעהרט האט נאך אנגע־הויבען צו גיעסען דאפעלט שטארקער ווען דיא קארעטע איז צוגעפאהרען צום טהיר. זשאנע איז שוין געווען פערטיג ארייננצושפרינגען אין קארעטע, ווען דיא באראנין איז ערשט געפיהרט געווא־רען אראב דיא טרעפ אונטער ביידע ארעמס, פון איין זייט איהר מאן און פון דער אנדער זייט איהר קאמערמיי־דעל, — א קרעפטיגע פעסטע שטיק ווי זיא וואלט געווען א געזונדער בחור. דיעזע קאמערמיידעל האט אויסגעזעהען א יאהר צוואנציג, הגם זיא איז נאך ניט אלט געווען קיין אכצעהן. ראזאליע האט מען זיא גערופען, און מען פלעגט זיא בעהאנדלען אין דער פאמיליע אזוי וויא זיא וואלט געווען א צווייטע טאכ־טער, ווארום זיא איז געווען זשאנעס א ראוועסניצע און פלעג־שוועסטער וויא מען רופט דאס. ראזאליעס ארבייט אין הויז איז בעשטאנען בלויז אין דעם, וואס זיא פלעגט דארפען נאכקוקען, אזוי צו זאגען, דיא באראנינס שריט, ווארום דיא באראנין האט געליטען פון הארץ־פערגרעסערונג, אויף וואס זיא פלעגט זיך שטענדיג בעקלאגען.

ווען דיא באראנין האט דערזעהען, וויא דער הויף איז פערפלייצט מיט וואס־סער, האט זיא אנגעהויבען צו מורמלען:

— דאס האט דאך ווירקליך גאר קיין זינען ניט.

אבער איהר מאן האט געענטפערט, שמייכלענדיג:

— נו, דוא האסט דאך דאס אליין געוואלט, מאדאם ארעלאאידע.

אזוי האט ער זיא גערופען; צו דעם אנגעבלצזענעם נאמען ארעלאאידע האט ער מיט א מין שפאטישען רעס־פעקט צוגעלייגט תמיד דעם טיטול „מא־דאם“. דיא מאדאם באראנין איז מיט מאטערנים אריין אין קארעטע און אונטער איהר שווערקייט האבען זיך אלע רעססארען אויסגעבויגען. דער בא־ראן האט זיך געזעצט נעבען איהר, און זשאנע מיט ראזאליע האבען זיך געזעצט אנטקעגען, מיט זייערע פלייצעס צו די פערד.

דיא קעכין לודיווין האט ארויסגע־בראכט א גאנצע מאסע מאנטלען, שאל־לען, וועלכע מען האט ארויפגענומען אויף דיא קניע און א פאר קערבלעך, וועלכע מען האט אונטערגעשטעלט צו־פוסען, דאן איז זיא ארויפגעשפרונגען

אויף דיא קאָזלעס און האָט זיך געזעצט לעבען דעם קוטשער, איינוויקלענדיג זיך אין א גרויסע קאָלדרע. דער קוטשער, פאטער סימאָן, האָט אָנגעבויגען דעם קאָפּ אונטער'ן קארעטע-דעכיל און אויסגעבויגט זיין רוקען אונטערן רעגען, וועלכער האָט געשמיסען אין קארעטע, געקלאַפּט אין דיא שויבען פון ביידע טהירלעך און האָט געמאכט זומפּיג דעם וועג. דיא פערד האָבען זיך א לאָז געטהאָן, קריכענדיג טיעף איבער דיא פּאַדקאָוועס אין בלאָטע און וועלכע דיא רעדער האָבען געשניטען ליניעס אין צירקלען.

דיא רייזענדע האָבען אלע געשוויגען: זייערע געדאנקען זיינען הפנים געווען אזוי נאַס וויא דיא ערד. דיא מאדאם האָט זיך אָנגעשפּארט אהינטער און האָט צוגעמאכט דיא אויגען, דרעמלענדיג. דער באראָן האָט געקוקט פערטראכט אויף דיא דורכגעוויקטע פעלדער אָבער זשאַנע האָט, אונטער דיעזען גוס-רעגען, געפיהלט וויא זיא לעבט־אויף, אזוי וויא א פלאנצע וועלכע איז געווען פארשטיקט און וועלכער מען האָט ערשט געמאכט צוריק פריי דיא לופט און איהר טיעפע פרייד האָט בעשיצט איהר הארץ פון זאָרג אזוי וויא א קאָנאַפּע וואָס האַלט ערשט אין אויפוויקלען איהרע בלעטער. זיא האָט ניט גערעדט, אָבער זיא האָט געפיהלט אזוי וויא צו זינגען, אויסשרעקען דיא הענד און אָנפילען זיי מיט רעגען-וואסער און טרינקען, טרינקען...

די באראָנין איז ביסלעכווייז איינגעשלאָפען. פעט וויא זיא איז געווען האָט זיך ביי יעדען אטהעם בעוועגט איהר כוואליעס-פולע ברוסט. איהר קאָפּ פלעגט זיך א הויב טהאָן צו יעדער מאָל אָבאטהעמען זיך און זיך צוריק אראָבלאָזען און פון איהרע צועפּענטע ליפּען האָט זיך געהערט א שנאָרך פון וויילע צו וויילע. איהר מאן האָט זיך צו איהר אָנגעבויגען און האָט גאנץ בעזאכט אריינגעלעגט א פּארטמאָנע אין איהרע הענד, וועלכע זי האָט געהאלטען צונויפגעלעגט אויף איהר פולען אויסגעהויבענעם בויך.

זיין בעריהרונג האָט זיא אויפגעוועקט, און זיא האָט אויסגעשטעלט איהרע אויגען א פער'חלום'טע. דער פּארטמאָנע איז אראבגעפאלען, האָט זיך צועפענט, דיא גילדערנע מטבעות און פּאפּיער-געלד האָט זיך צושאָטען. דאָס האָט זיא גאָר צומישט, און בפרט נאָך אז איהר טאכטער האָט זיך לוסטיג צוגאָסען מיט א געלעכטער.

דער באראָן האָט אויפגעקליבען דאָס געלד און האָט דאָס ארויפגעלעגט איהר אויפ'ן שויס:

— אָט דאָס, מיין טייערע, איז אלעס וואָס מיר איז געבליבען פון אונזער פערקויפטען מאיאָנטקע „עלעטא" איך האָב איהם פערקויפט כדי איך זאָל קענען פעררירכטען „דהי פּאפּעל-בוימער," וואו מיר וועלען אָפט וואוינען פון היינט אָן.

זיא האָט איבערגעצעהלט זעקס טויזענד פיער הונדערט פראנק און האָט זיי פּאָרזיכטיג אוועקגעלעגט צו זיך אין טאַש. דאָס איז שוין געווען דער ניינטער מאיאָנטאק וואָס זיי האָבען פערקויפט פון זייערע איין-און-דרייסיג גיטער. זיי האָבען פון דעסטוועגען נאָך ביי א צוואנציג טויזענד ליווערען א יאָהר איינקונפט פון זייערע גיטער. ווען דיא גיטער וואָלטען געווען פערוואלטעט מיט אן אָרדנונג, האָבען זיי געקענט אריינברענגען דרייסיג טויזענד ליווערען.

אזוי וויא זיי האָבען געלעבט איינפאך, וואָלט דיזע הכנסה פאר זיי געווען גענוג און זיי וואָלטען ניט דארפען פון צייט צו צייט פערקויפען איינעם פון זייערע גיטער, ווען דאָס הויז וואָלט ניט געווען וויא א פאַס אָהן א דעק, און דאָס איז געווען איבער זייער גוטסקייט און וואָהלטהעטיגע נאטורען. דאָס געלד פלעגט אויסטריקענען אין זייערע הענד גלייך וויא זיי פלעגען עס אריינעהמען,

אזוי וויא דיא זון טריקענט אויס דאס וואסער אין דיא זומפען, עס פלעגט אוועקפליהען. וויא ? דאס האט קיינער ניט געוואוסט. ביידע זיינען זיי אזוי גע־ווען. און איינער פלעגט אמאל זאגען צום אנדערען:

— זעה, איך ווייס ניט ווי אזוי, אבער ביי מיר זיינען היינט אוועק הונ־דערט פראנק און געקויפט האב איך גאר ניט.

דיזע איינגענשאפט: צו געבען איז געווען הגם איינע פון דיא גרעסטע תענוגים פון זייער לעבען.

—איז מיין שלאס איצט שעהן ? — האט זשאנע א פרעג געטהאן.

— דו וועסט באלד זעהען, טאכ־טער'ל — האט דער באראן געענטפערט

בישלעכווייז האט זיך די ווילדקייט פון רעגען־שטורם איינגעשטילט. אין דער לופט איז נור געבליעבען א מין טהוי. א דינינקער רעגען־שטויב, און פלוצלינג האט זיך א לאנגער, אויסגע־בויגענער שטראהל פון זונשיין א ציה געטאהן איבער דיא לאנקעס; דיא וואל־קענס האבען זיך צונומען, אבגעטהיילט בעזונדער און דיא בלויע הויכקייט פון דעם הימעל־געוועלב האט ארויסגעשיינט וויא א שלייער האט זיך אלץ מעהר און מעהר צוריסען דער טומאן און א פרעכ־טיגער אזשור־הימעל, קלאהר און אונ־ענדליך, האט זיך צושפרייט איבער דער וועלט.

עס האט זיך געפיהלט דער פרישער און צארטער אטהעם פון ווינטעל, אזוי וויא דיא ערד וואלט זיך גליקליך אבזיפ־צען. און ווען זיי זיינען דורכגעפאהרען דיא גערטנער און וועלדלעך האבען זיי געהערט פון ווייטע צו וויילע דאס גע־זאנג פון פייגעלעך, וועלכע האבען גע־טריקענט זייערע פליגלען. דער אווענד איז אנגעקומען. אלע אין קארעטע הא־בען געשלאפען, אויסער זשאנע. דיא זון איז אונטערגעגאנגען, פון דער וויטע האבען זיך געהערט גלעקלעך קלינגען. אט פאהרען זיי דורך א דערפעל, אין די הייזלעך צינדט מען שוין אן ליכט. און דער הימעל האט זיך אויך צוליכטען מיט מיריאדען שטערען. מיער פון טרוי־מעריי האט איצט זשאנע גערוהט וויא אין א דרעמעל.

ענדליך האבען זיך דיא פערד אב־געשטעלט. איינגע מענער און פרויען זיינען שוין געווען נעבען קארעטע מיט לאנטערנס אין דיא הענד. לויב גאט אנגעקומען. זשאנע האט זיך פלוצלונג אויפגעכאפט און איז שנעל ארויסגע־שפרונגען. איהר פאטער און ראזאליע האבען כמעט ארויסגעטראגען די בארא־ניז אונטער דיא הענד. זיא איז גע־ווען שוואך, שוואך און אבגעלאזען און מען האט זיא גלייך אוועקגעפיהרט איז איהר שלאפצימער. זיא האט אפילו עסען ניט געוואלט.

זשאנע און דער באראן האבען גע־געסען צוזאמען אבענד־ברויט; זיי הא־בען געשמייכעלט מיט שמחה קוקענדיג איינער אויפ'ן צווייטען; זיי זיינען ביידע געווען פערכאפט פון א קינדישער פרייד, און נאך'ן עסען זיינען זיי גע־גאנגען צוזאמען בעקוקען דעם שלאס, וועלכער איז געווען דורכאויס פון ווייסע שטיינער, וואס זיינען גרוי געווארען; ער איז אינוועיניג געווען גרויס גענוג, אז א גאנצע משפחה זאל דארט בעקוועם קענען וואהנען. דאפעל־ברייטע טרעפ האבען געפיהרט צום ערשטען און צוויי־טען עטאזש. א ברייטער, לופטיגער קארידאר האט צוטהיילט דעם צווייטען עטאזש אויף צוויי טהייל, מיט צעהן טיהרען, וועלכע האבען געפיהרט צו בעזונדערע ברייטע, לופטיגע צימערען מיט גרויסע פענסטער, דאס איז געווען זשאנ'ס אפארטמענט. דיא מעבעל מאסיוו מיט קינסטלערישע אלטע שניי־צערייען, אנגענעהם פאר'ן אויג און בעקוועם פאר'ן געברויך; דיא טאפעט־

ביען האבען אילוסטרירט די פאבעלע; פון לא־פאנטען; און א ציטער פון הנאה, פון פערגעניגענדליכע פרייד, האט זשאנע געפיהלט דורכלויפען איבער איהר לייב, צוקוקענדיג זיך צו דיעזע מעבעל, צו די טאפעטען, צו אלעם ארום. און אט איז איהר שלאפצימער; זיי זיינען אריין. דער באראן האט דעם צימער אויפ'ן ניי מעבלירט; דאס הייסט אריינגעשטעלט די פאסענדסטע מעבעל, וואס געפינט זיך נאך פיעל אויפ'ן ביידעם פון שלאס, און בע־דאנגען מיט נייע גארדינען, נייע טא־פעטען, מעבעל־ציכען מיט אילוסטרא־ציאנען.

ווען זיא האט דערזעהען איהר בעט האט דאס יונגע מיידעל געשריען פון פרייד. איבער די פיער ווינקלען הא־בען צושפרייט זייערע פליגלען פיער גרויסע, דעמבאווע פויגלען, אלע שווארץ און גלאנציג פארלירט, וויא די בא־שיצער פון א הר געלעגער וואלטען זיי געווען; די זייטען פון בעט האבען פארגעשטעלט געשניצטע גארלאנדעס פון פרוכטען און בלומען, און פיער זיילען, פיער חופה־שטיינגלעך פון קופיראנעם, האבען אויפגעהאלטען די הימעל־דעקע מיט די אראבגעהאנגענע פארהאנגלעך פון רייכען, טיעף־בלויען זייד, אויסגעשטיקט מיט גרויסע ליליען און קאלירטע בילדער פון ליעבעס סצע־נען.

זשאנע האט זיך צוגעקוקט, צו זעהען וואס דיעזע סצענען שטעלען מיט זיך פאר. א גאנצע דראמא פון א פאר פערליעבטע; זיא האט דערקענט די מיטהאלאגישע מעשה'לע פון פיראמוס און טהיזבע. אויף איהר פנים האט זיך צוגאסען א שמייכעל פון דער איינפאכ־קייט פון דער שילדערונג, און זיא האט זיך געפיהלט גליקליך. דא וועט זיא דאס זיין איינגעהילט אין שלאף, פאר־האנגען מיט דיזע ליעבעס־בילדער. אנט־גענגען איז אויף אן עלעגאנטען טישעל פון רויזען־האלץ געשטאנען א גרויסאר־טיגער זייגער אונטער א גלעזערנעם קו־געל. א גאלדענעם ביהן־שטאק האט ער מיט זיך פארגעשטעלט; דער צי־פערבלאט פון פאיאנס מיט קאלירטע אמאליען. ער האט אנגעהויבען מיט א זילבער־קלאפ שלאגען עלף. דער באראן האט זיא אנגעקוקט און איז אוועק צו זיך אין צימער. זשאנען האט פערדראסען וואס זיא דארף שוין געהען שלאפען. ווען זיא האט זיך געלייגט האט זיא געפעהלט בעקוועמליך, אנגע־נעהם אזוי צו רוהען. צו לינקס איז געווען די פענסטער, פון וועלכען עס האט אריינגעשיינט אין צימער די זאנפטע, ווייכע ליכטיגקייט פון דער לבנה. איהרע געדאנקען האבען זיך אונגעדולדיג בעוועגט און דיעזע אונגע־דולדיגקייט האט זיך צושפרייט איבער איהר גאנצען קערפער; וויא אין א פיע־בער איז זיא געלעגען און האט ניט גע־קענט איינשלאפען.

זיא האט זיך אויפגעהויבען און איז א בארפוסע מיט נאקעטע ארעמס, אין איהר לאנגע נאכט־העמד, אזוי וויא א גייסט, איבערגעגאנגען די ליכטיגע טייכעל פון לבנה־שיין, וואס האט זיך צוגאסען איבער די דילען. האט צועפענט די פענסטער און האט ארויסגעקוקט.

די נאכט איז געווען א קלאהרע, אז מען האט געקענט זעהען וויא ביי־טאג. דאס יונגע מיידעל האט דערקענט דעם פלאץ, וועלכען זיא האט אזוי גע־ליעבט אין איהר פרייע קינדהייט: אן איז דער געל־געפארבטער שייער, געל וויא פוטער, אונטער דעם נעכטליכען שיין. און אט איז דער פארק אבגעגרע־נעצט פון רעכט און לינקס מיט אלעען פון פאפעל־בוימער. פון דיעזע פאפעל־בוימער נעמט זיך דאס דער נאמען פון שלאס. ווייט הינטער די רייהע בוימער ציהט זיך אויס א גרויסע שטרעקע פון

ניט בעאַרבייטע, פלאַכע פעלד איבער וועלכע דער ווינד פייפט און יאָגט זיך טאָג און נאַכט, ווארום דיעזע שטרעקע לאָזט זיך אויס מיט אַ משופּהדיגען אַברים, אַ הונדערט מעטער טיעף און דער צופוסען פון'ם באַרק, ווייס און גלאַט, ווערט שטענדיג געבאָדען אין די כוואַליעס פון ים, וואָס יאָגען זיך גע־גען איהם, שטויסען זיך אָב און לויפען צוריק.

זיא האָט געקוקט ארונטער פון אָפענעם פענסטער. דיא ריחות פון קלע־טערנדע יאַסמין־פלאַנצונג, דער שאַר־פער קרעפטיגער גערויך פון ים־גראָז, וועלכע דער ווינטעל האָט געמישט מיט די ריחות פון אנדערע גראָזען, האָבען דורכגענומען די לופט. זיא האָט גענו־מען אָטהעמען מיט פולע הנאה אזוי ווי זיא וואָלט געשוואומען פערגעניגענדליך אין אַ קאַלטע באָד. דאָס זשומען פון דיא אינזעקטען האָט געהוזשעט אין איהרע אויערן, און איהר האָט זיך גע־דוכט, אז איהר געהער ווערט שאַרפער; זיא קען הערען יעדער סקראַבסק פון אַ חיה'לע איבער'ן גראָז און דאָס שעפּצען פון דער שטילער נאַכט גופא. וויא פון אַ טויזענד רייצענדע פערלאַנגען האָט זיא איצט דערפיהלט זיך ארומגערינ־געלט. אַ לעבענס פּאָעזיע, מיט וועלכע אַ רייצענדע אַנציעהונג האָט זיא דער־שפירט אַ זאָנדערבאַרען שוידער לויפט איהר דורך אזוי וויא אַן אָטהעם פון גליק האָט אַ הויך געטהאָן איבער איהר.

און זיא האָט אָנגעהויבען טרוימען פון ליעבע.

ליעבע! צוויי יאָהר לאַנג וויא זיא פיהלט אַלץ מעהר בעזאָרגט, ערוואַר־טענדיג איהר אָנקומען. איצט איז זיא שוין פריי צו ליעבען; זיא האָט קיין אַנדער זאַך צו טהאָן וויא בלויז צו טרעפען א י ה ם. וויא אזוי דאָס וועט קומען? זיא וויים ניט און פרעגט זיך גאָר ניט, דאָס וועט זיין ע ר — דאָס איז אַלעס.

זיא האָט נאָר געוואוסט, אַז זיא וואָלט א י ה ם פערגעטערט מיט איהר גאַנצער נשמה, און אַז ע ר וואָלט זיא געצערטעלט מיט ז י י ן גאַנצער קראַפט. זיי וואָלטען ארומשפּאַצירען אין אַזעלכע אָבענדען אונטער דעם פינ־קעלדען שטויב פון דיא שטערען; זיי וואָלטען געגאַנגען אָרעם אין אָרעם, פעסט צוגעפּרעסט איינע צום צווייטען, הערענדיג דאָס קלאַפּען פון זייערע הער־צער, פיהלענדיג דיא וואַרעמקייט פון זייערע שולטערן, פעראייניגענדיג ליעבע מיט דער זיסער איינפאַכקייט פון דיא זומער־נעכט. אזוי פעראייניגט וואָלטען זיי זיין אי מיט דעם כח גופא פון זייערע צאַרטע געפיהלען וואָלטען זיי דורכדרינגען יעדער דעם אַנדערנס פערבאָרגענסטע געדאַנקען־סודות.

עס האָט זיך איהר פלוצלונג געדאַכט אַז זיא פיהלט א י ה ם דאָ, נעבען איהר, און אַ טומאַנער רייץ, אַ ציטער פון ליידענשאַפטליכקייט האָט דורכגע־שטראָמט איהרע גליעדער פון קאָפּ ביז דיא פיס. זיא האָט צוגעפּרעסט איהרע אָרעמס צו איהר ברוסט, אזוי וויא זיא וואָלט אומאַרמען איהר זיסען חלום און אויף איהרע ליפּען איז אַריבער עפּעס אַזעלכע וואָס האָט געמאַכט איהר קאָפּ שווינדלען, אזוי וויא דער אָטהעם פון פריהלינג וואָלט איהר געבען דעם ערש־טען קוס פון דער ליעבע.

פלוצלונג האָט זיא דערהערט אימע־צענס טריט אין דער נאַכט הינטערן שלאָס...

און אין דער ערשטער מינוט אין דעם צושטאַנד פון איהר צונומען הארץ, האָט זיא אַ גלויב געטאָהן אין דאָס אונמעגליכע, אין אַ נס וואָס קען געשע־הען, אין דער ראָמאַנטישער פערווירק־ליכונג פון איהר טרוים און האָט אַ טראַכט געטהאָן:

— ווען דאָס וואָלט ער געוועןְ?
זיא האָט זיך דורשטיג צוגעהערט צו דיא טריט וואָס ווערען נעהענטער: געוויס וועט ער דאָס צוקומען צום איינזערנעם טויער און וועט בעטען מען זאָל איהם אריינלאָזען איבערנעכטיגען אוים גאַסט־פריינדשאַפט. אָבער דיא טריט זיינען פערביי און זיא האָט זיך דערפיהלט ענטטוישט, וויא זיא וואָלט געוועזן פון וועמען אָבגענאַרט. זיא האָט פערשטאַנען איצט וויא עקזאַלטירט איהרע האָפנונגען זיינען, וויא פאַנטאַס־טיש, און זיא האָט אַליין פון זיך גע־שמייכעלט.

זיא איז רוהיגער געוואָרען און איהרע געדאַנקען האָבען אָנגעהויבען געהן מיט מעהר זינען, זוכענדיג פאָרצור־שטעלען זיך איהר צוקונפט. זי וועט דאָ לעבען מיט א י ה ם אין דעם שטילען שלאָס אויפ'ן ברעג פון ים. זיא וועט געוויס האָבען צוויי קינדער, א זוהן פאַר א י ה ם און א טאָכטער פאַר איהר אַליין, און זיא וועט זעהען וויא זיי וועלען ארומלויפען און שפּיעלען זיך איבער'ן גראָז, בעהאַלטען זיך אונטער דיא לינדען־בוימער ווען פאָטער און מו־טער קוקען זיי נאָך מיט שלינגענדע אויגען, איבערקוקענדיג זיך ביידע מיט ליידענשאַפטליכע בליקען איבער דיא קינדערס קעפּלעך.

און לאַנג, לאַנג איז זיא געבליעבען אַזוי פערטראַכט; דיא לבנה האָט שוין אונטערדעסען דורכגעמאַכט איהר נסיעה איבער דיא הימלען און איז פער־שוואונדען אין ים. דער לופט איז גע־וואָרען קיהלער. אין מזרח זייט איז דער האָריזאָנט געוואָרען ליכטיגער. א האָהן האָט א קרעה געטהאָן פון הויף, נאָך איהם אַז אנדערער פון דיא היהנער־שטייגען. א פויגעלע האָט זיך מיט איהרע פליגלען א צאַפּעל געטהאָן ער־געץ; פריהער בעשיידען, דערנאָך גע־וואַגטער האָבען דיא פליגעלדיגע אַנגע־הויבען איבערפליהען פון צווייג אויף צווייג, פון בוים אויף בוים, צוויטשערנ־דיג פרעהלאַך, זינגענדיג זייער מאָרגען־שירה. זשאַנע האָט פּלוצלונג זיך דער־פיהלט בעגאָסען מיט ליכט־שטראַהלען און אויפהויבענדיג איהר פּנים, וועלכען זיא האָט בעהאַלטען אין דיא הענד, זיי־נען איהרע אויגען געבלענדעט געוואָרען פון'ם גלאַנציגען שיין פון זונען־אויפ־גאַנג.

בערג פון פּורפּור־פאַרביגע וואָל־קענס, וועלכע זיינען טהיילווייז נאָך געווען בעהאַלטען הינטער דער גרויסער אַלעע פון דיא פּאַפּעל־בוימער, האָבען צוגאָסען זייער בלוט־רויטען טהוי אויף דער ערוואַכטער ערד. און לאַנגזאַם, צו־פלאַצענדיג דיא גליהענדע וואָלקענס, בעריהרענדיג מיט פייער דיא בוימער, דיא פעלדער, דעם ים און דעם גאַנצען האָריזאָנט, איז דיא גרויסע, פלאַמיגע קויל ערשיענען.

זשאַנע האָט געפיהלט, אַז זיא ווערט וואַהנזיניג פון גליק; א בערוישענדער פערגניגען, און אונענדליכע צערטליכ־קייט האָט פערטרונקען איהר צאַפּלענ־דעס האַרץ. דאָס איז געווען איהר זונן! איהר מאָרגען־אויפגאַנג! דער אָנהויב פון איהר לעבען! דער אויפגאַנג פון איהרע האָפנונגען! זיא האָט אויסגע־שטרעקט איהרע אָרעמס מיט דעם פערלאַנג ארומצונעהמען דיא זונן; זיא האָט געוואָלט ריידען; זיא האָט גע־וואָלט שעפּצען א תפלה, ארויסזאָגען עפּעס הייליגעס. אָבער זיא איז גע־בליעבען פּאַראַליזירט, מאַכטלאָז פון בעגייסטערונג. איהרע אויגען זיינען געוואָרען פול מיט טרעהרען און זיא האָט געוויינט זיס. איצט האָט זיא זיך געפיהלט וויא בערוהיגט, עטוואָס מיעד, אַזוי וויא זיא וואָלט שוידערן, ניט פערמאַכענדיג דיא פענסטער האָט זיא זיך א וואָרף געטהאָן אין בעט, האָט נאָך א פּאָאר מינוט פערטראַכט זיך און

איז אזוי פעסט איינגעשלאָפען, אז זיא האָט אפילו ניט געהערט וויא איהר פאָטער האָט זיא גערופען אכט א זייגער, און זיא האָט זיך אויפגעכאפּט ערשט דאן ווען ער איז אריינגעקומען אין איהר צימער.

ער איז געקומען זיא אויפוועקען, ווייל ער האָט זיא געוואָלט ארומפיהרען ווייזען, וויא ער האָט געבראכט דעם שלאָס. איהר שלאָס, אין א נייע אָרדנונג, וויא אלעס איז אויסגעבעסערט און פעררי‍כט געוואָרען. אלעס וויא דאָס וואהז־הויז, אזוי דיא שייערס, דיא אלעען, דיא צאמען, אלעס איז איבערגעמאכט געוואָרען. נאָך פאר פריהשטיק זיינען זיי ארומגעגאנגען און אלעס באקוקט; דיא לאנקעס זיינען שוין געוועזען באדעקט מיט גרינע טעפּיכעס; אויף דיא בוימער און צווייגען האָבען זיך שוין צואוויקעלט דיא בלעטער. א הירש איז פּלוצלונג ארויסגעשפרונגען פון צווישען דיא בוימער, וואָס עס האָט זשאנען איבערראַשט; דאן האָט ער א שפּרונג געטהאָן צום ברעג פון פעלז.

און ווען זיי האָבען זייער פריהשטיק אָבגעגעסען איז זשאנע אוועק ווייטערבאקוקען אלעס; ווייט האָט זיא שפּאצירט מיט'ן פאטער; דיא נאָהענטע דאָרף־הייזער זיינען זיי דורכגעגאנגען פאר איהר האָט אלעס אויסגעזעהען ניי, פּרעכטיג וויא א טהעאַטער־סצענע. אראָבקלעטערנדיג פון איינע פון דיא פעלזען זיינען זיי צוגעקומען צום האפען־ברעג. שיפלעך האָבען זיך ארומגעוויגט אויף דיא כוואַליעס ניט ווייט פון ברעג. א שיפער איז צו זיי צוגעגאנגען און האָט פאָרגעלייגט לעבעדיגע פיש. זשאנע האָט געקויפט איין גרויסען פיש און האָט פון שמחה געוואָלט אליין טראָגען עס אין שלאָס. און דער פישער האָט ניט אויפגעהערט פאָרצולייגען זיין באדינגונג דעם באראָן מיט זיין טאָכטער; ער קען זיי נעהמען אויף זיין יאכט־שיפעל פאר א שפּאציער אין ים ווען זיי וועלען נור האָבען לוסט דערצו. זיי זאָלען נור געדיינקען זיין נאָמען, לאסטיק, יאָזעף לאסטיק רופט מען איהם. דער באראָן האָט גוטהערציג פערשפּראָכען, אז ער וועט דעם נאָמען ניט פארגעסען, און זיי זיינען אוועק צוריק אין שלאָס מונטער, פרעהליך. ווען זיא איז געוואָרען מיעד טראָגענדיג אליין דעם פיש, האָט זיא גענומען דעם פאטער'ס שטעקעל, האָט איהם דורכגערוקט דורך דיא זשאברעס פון'ם פיש; זיא האָט גענומען איין ברעג שטעקען, דער באראָן דעם אנדער ברעג און דער גרויסער פיש האָט זיך געשלעפּט מיט'ן עק איבער'ן גרינעם פעלד, און אזוי האָבען זיי איהם מיט פערמאַרטערטע הענד געבראכט אין שלאָס.

## זשאנעס גן־עדן

א צויבערליכעס, פרייעס לעבען האָט זיך אָנגעהויבען פאר זשאנען. זיא האָט געלעזען, געטרוימט, ארומגעוואנדערט אליין אין דער נאכבארשאפט; אויף דיא לאנגע וועגען פלעגט זיא געהען און איהרע געדאנקען האָבען געוואנדערט וויא אין א חלום, אָדער זיא פלעגט אראָבלויפען אין דיא צוקרימטע טהאלען, וואו עס זיינען אויף ביידע זייטען געוועזען טעפּיכע פון ברוינע בלומען אזוי וויא א פארשפּרייטע גאָלדענע דעקע. זייערע זיסע און שמעקעדיגע בשמים־ריחות, פערשארפט פון דער היץ, פלעגט זיא פאר'שיכור'ען אזוי ווי פערפיומירטער וויין.

א מאָל פלעגט זיא זיך פון מיעדקייט אויסציהען אויף דיא דיקע גראָז און אויף איהר פלעגען עפּעס געהיימניספול אָנקומען גאנצע כוואליעס פון גליק. א לוסט צו זיין אליין האָט זיא אָנגעכאפּט אין דער זיסקייט פון דיעזע פרישע פעלדער און אין דער רוהיגקייט פון דיא לאנד־שאפטען ארום, און זיא פלעגט אזוי בלייבען אויף איין פלאץ

אונבעוועגליך פאר א לאנגע צייט, אז דיא ווילדע קראַליקעס פלעגען ניט מורא האָבען צו שטעהען ביי איהר צו־פוסען.

זיא פלעגט א מאָל לויפען שנעל אראָב דעם פעלזבארג צום ים און דער ווייכער ווינד פלעגט גלעטען און צערטלען איהר פנים און זיא פלעגט לויפען, לויפען און ניט מיעד ווערען; וויא זיא וואָלט געווען א פיש אין וואַסער, א שוואלב אין דער לופט. זיא האָט אומעטום געזעעט עראינערונגען אזוי וויא מען צושיט זאמען אויף דער ערד, יענע עראינערונגען, וועלכע וואַרצלען זיך איין ביז'ן טויט.

ליידענשאַפטליך האָט זיא זיך אָנגעהויבען יעדען טאָג צו געהען באָדען. ווייט, ווייט פלעגט זיא אוועקשווימען פארגעסענדיג אין גאנצען אויף געפאהר, זייענדיג קרעפטיג, געזעצט, און פיהלענדיג געזונד און שטארק אין דיא קאַלטע, ווייכע, בלויע וואסער, וועלכע האָט זיא געהאַלטען אויף זיך און גע־וויגט אהין און צוריק.

אָפט ווען זיא פלעגט פארשווימען צו ווייט, פלעגט מען א שיפעל ארויסשיקען נאָך איהר. און זיא פלעגט קומען צוריק אין שלאָס בלייך פון הונגער, אָבער לייכט, מונטער, מיט א שמייכעל אויף דיא ליפען און מיט אויגען, וואָס האָבען געשטראַהלט מיט פרייד.

דער באַראָן פון זיין זייט האָט זיך שטארק גענומען בעשעפטיגען מיט בעל־הבית'ישקייט; ער האָט געפּלאַנט נייע מיטלען פאר דער ערד־ארבייט, נייע אויסבעסערונגען פון דיא פעלדער, העלפען דעם פאַרטשריט. אָפט פלעגט ער מיט דיא פישער ארויספאָהרען אויף א שיפעל פיש פאנגען און ער פלעגט דערנאָך ביים טיש צום עסען דערצעהלען מיט בעגייסטערונג און אויסרעכע־נען זיינע עקספּעדיציעס אויפ'ן וואסער. דיא באַראָנין פלעגט דערביי אויך אָנ־הויבען דערצעהלען וואָס זיא האָט דורכגעמאַכט, וויפיעל מאָל זיא איז דורכגעגאַנגען היינט הין און צוריק אין דער אלעע פון דיא פּאַפּעל־בוימער.

אזוי וויא מען האָט איהר גערא־טהען, אז זיא מוז פיעל שפּאַציערען איז דאָס ביי איהר געווען א גאנצע פּאַ־סירונג; זיא פלעגט שפּאַציערען אָנ־געלעהנט אויף ראָזאליעס אָרעם און בלויז אויף דער זוניגער זייט פון דער ברייטער אלעע. וויא נור דיא זונן פלעגט זיך אראָבזעצען און עס איז גע־וואָרען קיהלער פלעגט ראָזאליע זיא שוין איינוויקלען אין שאַלען און זיא פלעגט זיך שלעפּען צוריק אהיים. בענק זיינען פון איהרעט וועגען אוועקגע־שטעלט געוואָרען אויף יעדער קעהר פון דיא אלעען, און יעדע פינף מינוט פלעגט זיא זיך אָבשטעלען און זאָג טהאָן:

— לאָמיר זיך צוזעצען א ווייל׳נקע, ראָזאליע, איך פיהל עפּעס מיעד.

און אויף יעדען באַנק פלעגט זיא עפּעס איבערלאָזען; אויף איין פּלאַץ א שאַל, אויף דעם אנדערען א פּאַלע־רינקע, אויף דעם דריטען א לייכטען מאַנטעל, און ז. וו. אזוי אז ביים ענדע שפּאַצירונג פלעגט ראָזאליע דאַרפען דורכלויפען דיא אלעען און דאָס אלעס צונויפקלייבען. דיא באַראָנין פלעגט דאָס רופען זיא נעהמט איהר שפּאַציערע, אזוי וויא זיא וואָלט זאָגען: „איך נעהם איין מיין רפואה."

נאָך מיט א יאָהר צוריק האָט זיא א דאָקטאָר אונטערזוכט און גע־זאָגט, אז פּיעלייכט איז דאָס „היפּער־טראָפיע" אזוי וויא זיא ליידעט פון א מין פערשטיקונג. זינט דאַן האָט זיך דיעזער וואָרט איינגעשנימען אין איהר קאָפּ ניט פאַרשטעהנדיג וואָס אייגענט־ליך דאָס וואָרט בעדייט. זיא פלעגט צושטעהן שטענדיג צום באַראָן, צו זשאַנע, צו ראָזאליע, זיי זאָלען זיך צוהאָרכען צו איהר האַרץ, וועלכעס מען האָט שוין לאַנג ניט געקענט פיהלען,

אזוי טיעף איז דאָס געווען פערדעקט מיט פּעמס פון ברוסט.

און דער וואָרט איז שוין געוואָרען אין שטענדיגען געברויך. דער באַראָן פּלעגט זאָגען: „מיין פרוי'ס היפּעהטראַפּיע" און זשאַנע: „מאַמאַ'ס היפּערטראָפּיע" און ראַזאַליע: „מאַדאַם'ס היפּערטראָפּיע".

ציימענווייז פלעגט זשאַנע פערנעהמען דעם פּלאַץ פון ראַזאַליע און פלעגט שפּאַציערען מיט איהר מוטער, וועלכע פּלעגט איהר אויפ'ן וועג דערצעהלען מעשיות פון איהרע יונגע יאָהרען. דאָס יונגע מיידעל פלעגט אין דיעזע עראינערונגען פון דער מוטער'ס יוגענד געפינען זיך אליין און פלעגט נתפעל ווערען פון דער עהנליכקייט פון זייערע געדאַנקען, פון דער פערוואַנדשאַפט פון זייערע פערלאַנגען.

איין נאָכמיטאָג ווען זיי האָבען זיך צוגעזעצט אויף א באַנק אָברוהען זיך, האָבען זיי דערזעהען פון וויימען אין אָנפאַנג אַלעע א דיקען גלח געהענדיג אויפ'ן וועג צו זיי. ער האָט זיך פערנייגט פון ווייטען בעגריסענדיג זיי, און ווען ער איז צוגעקומען נעהענטער האָט דיא באַראָנין דערקענט, אז דאָס איז זייער גלח, ד. ה. דער גלח פון דאָרטיגער געמיינדע און איידער ער איז נאָך צוגעגאַנגען האָט ער שוין אין דער הויך א זאָג געטהאָן:

— נו, מאַדאַם באַראָנין, וואָס מאַכט מען?

דיא באַראָנין, וועלכע איז געבאָרען געוואָרען אין דעם יאָהר־הונדערט פון אויפקלעהרונג און רעוואָלוציאָן, איז ניט געווען קיין בעזאָנדערס פרומע און איז ניט געגאַנגען אָפט אין קירכע, נור פאַר גלחים האָט זיא געהאַט דרך ארץ און האָט זיי גאַנץ גערן געהאַט אויס דעם רעליגיעזען געפיהל, וועלכער איז דאָ אונבעוואוסטערהייט אין דער פרוי. זיא האָט זיך אביסעל פערשעהמט און איז רויטליך געוואָרען, וואָס זיא האָט אין גאַנצען געווען פערגעסען אויף דעם פּאַטער פּיקאָ, וויא מען האָט דעם פּריסטער גערופען, און זיא האָט געבעטען אום ענטשולדיגונג וואָס זיא האָט ניט ערוואַרט זיין בעזוך.

ער האָט א קוק געטהאָן אויף זשאַנען. האָט איהר געגעבען א קאָמפּלימענט, אז זיא זעהט גוט אויס, האָט זיך צוגעזעצט אוועקלייגענדיג זיין דרייעקיגע הוט צו זיך אויף דיא קניע און ווישענדיג מיט זיין גרויסע קאָלירטע טאַשענטוך זיין פערשוויצטען, פעטען, רויטען פּנים. ער איז געווען זעהר דיק און האָט זיך שטענדיג בענאָסען מיט שוויים. ער איז געווען מונטער, אויפגעלעגט און גוטמוטהיג וויא געוועהנליך דיא דאָרפישע גלחים, האָט זיי דערצעהלט געשיכטעס, וואָס עס טהוט זיך אין די בענאַכבאַרטע דערפער, פּריצישע הויפען. דיא באַראָנין האָט זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם צו זיינע רייד; זיא האָט געפיהלט א צוציהונג צו איהם שוין דערפון אליין וואָס ער איז אויך אזא דיקער, שווערער און איהם מוז אויך זיין ניט גרינג צו ריידען און מוז זיך שווער אבאָטהעמען יעדע ווייל.

אלס פערבייסען נאָך דעם לאַנגען געשפּרעך האָט ער אין מיטען א געשריי געטהאָן פרעהליך, אזוי וויא א גליקליכער רעיון וואָלט א בליץ טהאָן ביי איהם אין מוח:

— מיר האָבען דאָך א נייעם מיטגליעד אין אונזער געמיינדע, איך מוז אייך מיט איהם בעקאַנט מאַכען, דער יונגער גראַף מאַסיע דע־לאַמאַר.

דיא באַראָנין, וועלכע האָט געהאַט דעם סדר־היחוס פון אַלע אריסטאָקראַטישע משפחות פון דער פּראָווינץ אויף איהרע שפּיץ פינגער, האָט גלייך א פרעג געטהאָן:

— איז ער אָפט מאָל ניט פון דער פאַמיליע פון דיא לאַמאַרס פון ל'עור?

— געוויס, מאַדאַם. ער איז דאָך דאָס דער יונגער זוהן פון דעם וויקאָמט זשאַן דע־לאַמאַר, וועלכער איז לעצטען יאַהר געשטאָרבען.

דיא באַראָנין האָט שוין געהאַט גענוג פראַגען צו שטעלען. זיא ווייס דאָך דיא קרובים זיינע און דיא גאַנצע משפחה. און פאַטער פיקאָ האָט דערצעהלט וויא דער יונגער גראַף דע־לאַמאַר האָט זיך דאָ בעזעצט נאָך זיין פאַטער'ס טויט, פיהרט זיך אויף מוסטערהאַפט, ברייננגט אין אָרדנונג דיא דריי גיטער, וועלכע זיינען איהם געבליבען בירושה פון פאַטער אין זייער נאָכבאַרשאַפט, אין דער געמיינדע פון עטואוואַן.

— אַ, ער איז אַ רייצענדער יונגער מענש, אַזוי בעזעסען און שטיל. אָבער ער האָט ווייניג וואָו צו פערברייננגען די צייט דאָ צו לאַנד — האָט מיטגעטהיילט דער גלח, צו וואָס זשאַנע האָט זיך צוגעהערט מיט שטייגענדער נייגערינקייט.

— ברייננגט איהם צו אונז צו בעזוך — האָט אַ זאָג געטאָהן דיא באַראָנין — דאָס וועט פאַר איהם זיין אַן אַנגענעהמער צייט־פערטרייב.

## מאַסיע דע־לאַמאַר

דעם פאָלגענדען זונטאָג איז דיא באַראָנין מיט זשאַנען געגאַנגען אין קירכע, אוים העפליכקייט צו דעם גלח. זיי האָבען אויפגעוואַרט נאָך דער גאָטעס־דיענסט אום איינצולאַדען איהם צו פריהשטיק אויף דאָנערשטאַג. ער איז אַרויסגעקומען מיט אַ יונגען מענשען, וועלכער האָט איהם פאַמיליאַרנע גענומען אונטערן אָרעם. אַזוי גיך וויא ער האָט דערזעהען דיא צוויי דאַמען, האָט ער אויסגעדריקט אַ פרעהליכע איבעררשונג, אויסשרייענדיג:

— וואָס פאַר אַ גליקליכער צופאַל! ערלויבט מיר אייך פאָרצושטעלען, מאַדאַם באַראָנין און מאַדעמואַזעל זשאַנע, אייער שכן גראַף דע־לאַמאַר.

דער גראַף האָט זיך פערנייגט, האָט אויסגעדריקט זיין לאַנג־אַן'יגען פערלאַנג צו שליסען בעקאַנטשאַפט מיט דיא דאַמען און האָט אָנגעהויבען צו פיהרען אַ לייכטען געשפּרעך וויא אַ מענש פון געזעלשאַפט, וועלכער האָט שוין ערפאַהרונג אין לעבען. ער האָט געהאַט איינעם פון יענע גליקליכע פּנים'ער, וועגען וועלכע פרויען טרוימען און וועלכע זיינען אָבשטויסענד פאַר מענער. זיינע שוואַרצע קרויזע האָאָר האָבען בעשאָטענט זיין גלאַטען זונן־אָנגעברענטען שטערען און די צוויי גרויסע אויגען־ברעמען האָבען צוגעגעבען טיעפקייט און ווייכקייט צו זיינע אויגען, אַזוי וויא זיי וואָלטען געווען אומיסטנע געקינצעלט אַזוי, און דאָס ווייסע פון דיא אויגען איז געווען עטוואָס בלוילעך. דיא לאַנגע געדיכטע ברעמען־האָאָר האָבען צוגעגעבען זיין בליק יענע תאוה'דיגע מליצה, וועלכע מאַכט אַן אַ חורבן אין דעם סאַלאָן פון דער שטאָלצער דאַמע און וועלכע ווירקט אויף דער מיידעל אין גאַס, וואָס טראָגט אַ קערבעל אויפ'ן אָרעם, זיך אַ קעהר טאָהן און אַרומקוקען. דיא צייבערליכע ווירקונג פון דיזע אויגען האָט געמאַכט יעדען גלויבען אין דער טיעפקייט פון זיינע געדאַנקען און האָט צוגעגעבען בעדייטונג צו זיינע אונבעדייטענדסטע ווערטער. אַ דיקע זיידענבערדעל האָט פערדעקט זיין אונטערבאַק, וועלכע איז געווען אַ ביסעל צו גראָב, נאָך פיעלע קאָמפּלימענטען זיינען זיי זיך צוגאַנגען.

אין צוויי טעג אַרום האָט מאַסיע

דע־לאמאר אבגעשטאטעט זיין ערשטען בעזוך. ער איז אנגעקומען ווען זיי זיינען געווען באשעפטיגט מיט צופאסען א באנק אקוראט אונטערן בוים אנקעג־גען דיא פענסטער פון עמפפאנג־צימער. דער באראן האט געוואלט, אז נאך אזא באנק זאל אוועקגעשטעלט ווערען נע־בען פענסטער צווישען דיא צוויי לינ־דען־בוימער; דיא באראנין אבער, וועל־כער עס איז ניט געפעלען געווען סי־מעטריע, האט דאס ניט געוואלט. ווען מען האט א פרעג געטהאן דעם גאסט זיין מיינונג האט ער געגעבען דער בא־ראנין גערעכט. דאן האט ער גערעדט פון זייער געגענד, וועלכע איז זעהר מאהלעריש, ערקלעהרענדיג, אז ער האט ענטדעקט פרעכטיג־שעהנע פלע־צער, וואס מוזען זיין אזוי אנגענעהם אליין צו שפאציערען.

פון צייט צו צייט פלעגען זיינע בליקען, אזוי וויא צופעליג, טרעפען זיך מיט זשאנעס. און זיא האט געפיהלט עפעס א בעזונדער איינדרוק פון זיין פלוצלינגען קוק און פלעגט זיך באלד אבקעהרען פון דיעזען בליק, אין וועל־כען עס איז געווען א צערטליכע בע־וואונדערונג און אן ערוואכטע סימ־פאטיע.

מען האט זיך צורעדט, זיין פא־טער, דער אלטער מאסיע דע־לאמאר, וועלכער איז ערשט לעצטען יאהר גע־שטארבען, האט געקענט זעהר נאהענט אן אינטימען פריינד פון דער בארא־ניז'ס פאטער. דיא באראנין האט דא ערשט ארויסגעוויעזען איהר גרויסען זכרון אין יחוס־זאכען, וואנדערענדיג אין א גאנצע גאלערעע פון פאמיליען־פערבינדונגען און ניט פערלירענדיג דעם וועג.

— זאגט מיר, גראף, האט איהר ווען געהערט ריידענדיג וועגען דער פא־מיליע סאנאי און ווארפלער? זייע־עלטסטער זוהן גאנטראן האט חתונה געהאט מיט דער יונגער דע־קארסיל, און דער יונגער זוהן האט געהייראט מיינע א קוזינע, וועלכע איז געווען פון פאטער'ס צד פערוואנדט מיט דער משפחה קריסאנזש. און מאסיע קרי־סאנזש איז דאך געווען א נאהענטער פריינד פון מיין פאטער; ער האט גע־וויס געמוזט קענען אייערע זעהר גוט.

— א, יא, מאדאם. איז דאס ניט דערזעלבער קריסאנזש, וועלכער האט אויסגעוואנדערט און... און זיין זוהן איז רואינירט געווארען?

— ער איז דאס טאקע. ער איז דאך געווען פערליעבט אין מיין טאנטע נאך דעם וויא זיא איז געבליעבען אן אלמנה. זיי האבען פערלאזען טוריין אין 1813 און האבען זיך באזעצט אין אווערען. פון דאן אן האב איך פון זיי קיין נאכריכט ניט געהאט.

— איך גלויב, מאדאם, אז דעם אלטען מארקיז האט געטראפען אן אונ־גליק; ער איז אראפגעפאלען פון א פערד. עס זיינען פון איהם געבליע־בען צוויי טעכטער; איינע האט חתונה געהאט פאר אן ענגלענדער; און דיא אנדערע, וויא זיי זאגען, איז פערפיהרט געווארען פון א רייכען סוחר און זיא האט מיט איהם חתונה געהאט.

און אזוי האט זיך געצויגען דער געשפרעך; זיי האבען גערעדט פון מענשען, וועלכע זיי האבען אליין קיין מאל אין זייערע אויגען ניט געזעהען, און האבען גערעדט פון דיא הייראטס־ליכע פאסירונגען.

דער באראן, וועלכער איז געווען גענוג איינפאך אין זיין נאטור און פון ערציהונג אויך אזא, וואס האט ניט געהאלטען פון דיא גלויבונגען און דיא פרינציפען פון דיא מענשען פון זיין קלאס, האט זיך ווייניג בעגומען מיט דיא שכנים און זייערע פאמיליעס און האט דערפון ווייניג וואס געוואוסט. ער האט זיך נאכגעפרעגט איצט, פון גע־

שפּרעך וועגען, ביי מאַסיע דע־לאַמאר וועגען דעם.

— אַה, — האָט דע־לאַמאר געענט־פערט — זעהר ווייניג אדעליגע פאַמי־ליען זיינען דאָ אין דער נאכבארשאַפט.

ער האָט דאָס געזאגט מיט דעמ־זעלבען טאָן, וויא ער וואָלט געזאָגט, עס זיינען ניט פיעל האָזען דאָ אין דעם בערגיגען געגענד.

ווען ער האָט אָבשיער גענומען איז זיין לעצטער בליק געווען פאר זשאַנען, אזוי וויא ער וואָלט איהר א ספּעציע־לען זייט געזונד געזאָגט, העפליכער, צערטליכער און זיסער פון געוועהנליך. דיא באראָנין האָט אויסגעפונען, אז ער איז א וואונדערליכער יונגער־מאַן.

— יאָ, ווירקליך, ער איז א גוט ער־צויגענער יונגער מענש — האָט באַ־מערקט אויך דער באראָן.

זיי האָבען איהם איינגעלאַדען פאר דעם קומענדען זונטאג צו מיטאג. און ער פלעגט נאָך דעם שוין בעזוכען זיי גאַנץ אָפט. ער פלעגט קומען געוועהנ־ליך א זייגער פיער, ווען דיא באראָנין פלעגט „נעהמען איהר שפּאַציער" און ער פלעגט איהר אונטערשטעלען גלייך זיין אָרעם. זשאַנע פלעגט נעהמען דיא מוטער'ס אָרעם פון צווייטען זייט און אזוי פלעגען זיי שפּאַצירען. ער האָט צו דער יונגער מיידעל ווייניג גערעדט, אָבער זיינע אויגען, וועלכע האָבען אויסגעזעהען אזוי וויא פון שווארצע סאַמעט, פלעגען אָפט בעגעגענען איהרע אויגען, וועלכע זיינען געווען אזוי טיעף בלוי. זעהר אָפט פלעגען זיי אויך געהן מיט דעם באראָן אראָפּ'ן בארג צום ברעג ים קיין אופּאָרט, וואו דיא פישער און שיפער וואָהנען.

איין אָבענד, ווען זיי זיינען גע־ווען אויפ'ן ברעג, איז פּאַטער לאַס־טיק צוגעשטאַנען צו זיי, ניט ארויס־נעהמענדיג דיא שטענדיגע לולקע פון זיין מויל. אהן וועלכער מענשען וואָל־טען איהם ניט דערקענען, נאָך וויני־גער איידער ווען ער וואָלט פּלוצלונג פערלאָרען זיין נאָז.

— מאַסיע באראָן, ווען מיר האָ־בען אזא גוטען ווינטעל נעהם איך זיך אן צו ברייננגען אייך קיין עטרעט און צוריק מארגען אהן דיא מינדעסטע אונ־אנגענעהמליכקייט.

זשאַנע האָט א פּאַטש געטהאָן מיט דיא הענד פון פרייד:

— אַ, פּאַפּאַ, ווען דו וואָלסט נור צוגעשטימט.

— זייט איהר געניינט? — האָט דער באראָן זיך א ווענד געטהאָן צו דע־לאַמאר — קומט, גראַף מיר וועלען שוין דארטען צובייסען.

און זיי האָבען בעשלאָסען מארגען אונטערנעהמען דיא עקספּעדיציע.

זשאַנע איז מארגען גאַנץ פריה שוין אויף געווען. זיא האָט געווארט אויפ'ן פּאַטער, וועלכער איז געווען לאַנגזאַמער־פון איהר אָנציהען זיך, און זיי זיינען געגאַנגען איבער'ן פעלד אין'ם מארגען־טהוי און דאַן דורכ'ן וועלדעל, וועלכער איז געווען פול מיט מוזיק פון פויגעל־געזאַנג. דער גראַף מיט פּאַטער לאַסטיק האָבען שוין געווארט אויף זיי איז שיפעל.

א לייכטער אָבער גלייכער ווינטעל האָט געבלאָזען פון ברעג און האָט גע־קנייטשט און גערונצעלט דיא אָבער־פלעכע פון וואַסער. דער זעגעל איז אָנ־געצויגען געווארען און האָט א קעהר גע־מאַהן אביסעל דעם שיפעל און דיא רויי־זע האָט זיך אָנגעהויבען. זשאַנע האָט זיך געהאלטען פאר'ן ראַנד מיט איין האַנד; איהר קאָפּ האָט אביסעל גע־שווינדעלט פון'ם וויגען פון דיא כוואַ־ליעס; זיא האָט געקוקט אין דער טיע־פער ווייטקייט און איהר האָט זיך אויס־געוויזען, אז נור דריי זאכען זיינען באמת שעהן אין דער נאַטור: ליכטיג־קייט, רוים און וואַסער.

קיינער פון זיי האָט ניט גערעדט. פּאַטער לאַסטיק, וועלכער האָט געהאַלטען דעם רודער מיט איין האַנד, פלעגט מיט דער אַנדער האַנד פון ווייַלע צו ווייַלע אַרויסנעהמען פון אונטער זיין זיץ־פּלאַטץ א פלעשעל און א זופּ טהאָן. דער באַראָן איז געזעסען אויף דעם פאָדערסטען ברעג פון שיפעל. זשאַנע און דע־לאַמאַר זיינען געזעסען זייט ביי זייט, ביידע אביסעל אונרוהיג. אַ אונבעוואוסטע קראַפט האָט געצווינגען זייערע בליקען צו בעגעגענען זיך גלייך ווי זיי פלעגען אויפהויבען די אויגען אין דערזעלבער צייט; אַזוי ווי א מאַגנעטישע צוציהונג וואָלט דאָס אַרויסבריינגען. צווישען זיי האָט שוין געפליסט יענע טומאַנע צערטליכקייט, וועלכע קומט אַרויס אַזוי שנעל צווישען צוויי יונגע מענשען, ווען ער איז נור ניט זעהר מיאוס און ווען זיא איז זעהר שעהן. זיי האָבען געפיהלט גליקליך.

די זונן האָט זיך אויפגעהויבען הויך, אַזוי ווי פון דעם העכסטען פּלאַץ וואָלט זיא געוואָלט אָנקוקען דעם אונגעהייער ווייטען ים וואָס איז צושפּרייט אונטער איהר. אָבער דער ים האָט קאָקעטירט און האָט זיך פערקליידט מיט א לייכטען שלייער פון טומאַן, וויא צו בעהאַלטען זיך פון דער זונן'ס שטראַהלען. דאָס איז געווען א דורכזיכטיגער טהוי, זעהר נידריג און וויא גאָלדיג בעגאָסען פון זונען־שיין.

— ווי פּרעכטיג דאָס איז! — האָט געמורמעלט זשאַנע.

דער גראַף האָט צוגעשטימט. דער בריליאַנטער אין־דער־פריה האָט ערוועקט אַן עכאָ אין זייערע הערצער. פּלוצלונג האָט זיך געוויזען פון צווישען טומאַן דער גרויסער פעלזען־טהויער פון עטרעטאַט, אַזוי וויא צוויי אונגעהויערע הענד פון די געגענזייטיגע בערג וואָלטען זיך ציהען פון איין באַרג צום צווייטען, בילדענדיג אַן אַרקע, הויך גענוג אַז שיפען זאָלען קענען דורכגעהן. דער שיפעל איז צוגעשטאַנען צום ברעג. דער גראַף האָט אַנגענומען זשאַנעס האַנד און געהאָלפען איהר אַרויסשטייגען, אַז זיא זאָל ניט פאַרנעצען איהר קלייד. און אַרויסגעהענדיג אויפ'ן ברעג האָבען זיי ביידע געהערט הינטער זיך וויא פּאַטער לאַסטיק זאָגט צום באַראָן:

— איך מיין, אַז זיי וואָלטען געווען א פיינע פּאָארעל, זיי ביידע.

דאָס צובייסען אין א קליינער אכסניא לעבען ברעג איז געווען וואונדערליך אַנגענעהם. דער אָ'טער ים, מיט זיין פּחדים'דיגען קול און רוישיגע געדאַנקען, האָט זיי געמאַכט שווייגען. אָבער דער טישעל מיט שפּייז און געטראַנק האָט זיי געמאַכט ריידענדיג און זיי האָבען פרעהליך געפּלוידערט אַזוי וויא שוהל־אינגלאַך, ווען זיי פאַהרען אויף וואַקאַציע. יעדער קליינינקייט האָט זיי אַמוזירט.

פּאַטער לאַסטיק האָט אַריינגעלייגט די רויכענדיגע ליולקע צו זיך אין היטעל און זיי האָבען זיך דערפון צולאַכט. א פליג צוגעצויגען פון די רויטקייט פון זיין נאָז מסתמא, האָט זיך אַרומגעגליטשט דערויף, אַז ווען ער האָט זיא געוואָלט כאַפּען, איז זי אַראָבגעשפּרונגען פון נאָז אויף א פאַרהאַנגעל לעבען איהם און דערנאָך צוריק אַרויפגעשפּרונגען אויף דעם רויטען באַרג פון זיין פּנים. דאָס האָט זיי געגעבען ווידער שטאָף אויסצושיסען אין א געלעכטער. און ווען דער שיפער ברוגז'דיג פאַר דער קיצלעריי פון דער פליעג האָט געבורמשעט: „ווי דאָס האָט זיך אָבגענוצט", האָבען זשאַנע מיט'ן גראַף שוין אַזוי זיך צולאַכט, אַז טרעהרען האָבען זיך געוויזען אין זייערע אויגען און זיי האָבען געזוכט צו דערשטיקען זייער געלעכטער מיט זייערע סאַלפעטקעס.

ווען מען האָט דערלאַנגט די קאַפּעע האָט זשאַנע א זאָג געטהאָן.

— פאַרוואָס זאָלען מיר דאָ ניט א שפּאַציער טאָהן?

דער גראַף האָט זיך אויפגעהויבען, אָבער דער באַראָן האָט בעסער געוואָלט זיצען דאָ אין דער זונן ביים ברעג.

— געהט, קינדער — האָט ער געזאָגט — איהר וועט מיך דאָ געפינען ווען איהר וועט קומען אין א שטונדע ארום.

זיי זיינען פערבייגעגאַנגען די עט־ליכע הייזער וואס האָבען זיך איינגע־פונען דאָרט, זיינען אריבער א קליינעם שלאָס, וואָס האָט אויסגעזעהען אזוי ווי א מאיאָנטעק, און האָבען זיך דערזעהען אין אן אָפּענעם טהאָל, וועלכער האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר זייערע אויגען.

דיא שטענדיגע בעוועגונג פון ים האָט זיי מיעד געמאַכט, צושטערענדיג זייער געוועהנליכע גלייכגעוויכט, דיא שאַרפע זאַלציגע לופט האָט זיי הונגעריג געמאַכט, דאַן האָט זיי דאָס עסען איינ־געשטילט און דער פרעהליכער געלעכ־טער האָט זיי אויסגעמאַטערט. איצט זיינען זיי בעפאַלען געוואָרען פון א ווילדען פערלאַנג צו לויפען משוגענער־הייט דורך דיא פעלדער און זשאַנע האָט געפּיהלט ווי עס קלינגט אין איהרע אוי־ערן פון דיא פיעלע שנעלע איינדריקע איינער נאָך דיא אַנדערע.

א ברענענדע זונן האָט געשיינט אויף זיי. פון ביידע זייטען פון וועג האָבען זיך דיא פולע רייפע זאַנגען גע־בויגט אונטער דער היץ. די היישערי־קען האָבען געהוזשעט אומעטום אין די ווייץ, און דיא קאָרען, און די געדיכטע הויכע גראָז. קיין אַנדערע שטימען האָט מען ניט געהערט אונטער דעם היציגען פינקעלנדיג בלויען הימעל, וועלכער האָט אין פּלעצערווייז אָנגעהויבען צו בעפאַר־בען זיך געלבלעך, וויא ער וואָלט גע־האַלטען אין געהן רויט ווערען אזוי ווי מעטאַלען נאָהענט פון א פייער. איינ־געשלאָסען צווישען צוויי טיעפּע בערג האָבען זיי דערזעהען א שמאָלען וועג צווישען צוויי געדיכטע ציילען בוימער וואָס האָבען ניט צוגעלאָזען דיא זונן. א מין פייכטע קיהלקייט האָט זיי אהין צוגעצויגען. קיין גראָז איז דאָרט ניט געווען, ניט האָבענדיג קיין ליכט און

קיין פרייע לופט, אָבער א דעקע פון פייכטע מאָך האָט בעצויגען דעם גרונד.

— קומט, מיר קענען זיך דאָרט זעצען — האָט א זאַג געטהאָן זשאַנע.

זיי האָבען זיך געזעצט אזוי, אַז זייערע קעפּ זיינען אויסגעקומען אין שאָטען און זייערע פיס אונטער דער זונן.

— וויא פּרעכטיג דאָ איז! וויא ליעבליך עס איז צו לאַנד. מינוטענווייז וואָלט איך דוכט זיך וועלען זיין א פליג אָדער א זומער־פויגעלע און בעהאַלטען זיך אין דיא בלומען.

און זיי האָבען זיך צורעדט וועגען זיך גופא, וועגען זייערע געוואָהנהייטען, וועגען יעדערנס געשמאַק, אין אזא מאָן וויא עס ריידען צוויי נאָהענטע מענשען, אינטים פערטרויליך. איהם איז שוין דיא וועלט איבערדריסיג געוואָרען, האָט ער איהר געזאָגט, מיער פון אזא לעבען אָהן אינהאַלט; אַלץ דאָסזעלביגע און דאָסזעלביגע; קיין זאַך וואָס זאָל זיין הארציג, וואָס זאָל זיין טריי.

דיא וועלט! זיא וואָלט וועלען ערשט קענען דיא וועלט. אָבער זיא איז איבערצייגט, אַז קיין זאַך קען זיך ניט פערגלייכען צום לעבען צו לאַנד. און וואָס נעהענטער זייערע הערצער זיינען געוואָרען און וואָס צערעמאָניעלער זיי זיינען געוואָרען. רופענדיג איינער דעם צווייטען „מאסיע" און „מאַדעמואזעל", אַלץ מעהר שמייכלענד זיינען געוואָרען זייערע בליקען קוקענדיג איינער אויף דעם צווייטען. עס האָט זיך זיי געדוכט איצט, אַז זיי זיינען ביידע בעסער גע־וואָרען איינער צום צווייטען, האָבען זיך אינטערעסירט צוזאַמען אין א טויזענד זאַכען וועגען וועלכע זיי האָבען פריהער גאָר ניט געטראַכט.

זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט, אָבער דער באַראָן איז שוין ניט געווען אויף דעם פּלאַטץ, וואו זיי האָבען איהם איבערגעלאָזען. ער האָט זיך אומגעקערט ערשט א זייגער פינף נאָך א לאַנגען שפּאַציער צווישען דיא בערג. זיי האָבען זיך ווידער געזעצט אין שיפעל. דער ים איז איצט געווען שטיל און דער

שיפעל האָט זיך רוהיג געגליטשט פאָר־
וואָרטס. זיי האָבען א לאַנגע צייט גע־
שוויעגען.

זשאַנע האָט ענדליך אָנגעהויבען:

— עס איז אָבער אומעטיג אליין
ארומפאָהרען — האָט דער גראף געענט־
פערט — מען דארף וויינינגסטענס פאָה־
רען זאַלבענאַנד, צו קענען וועקסלען זיך
מיט איינדריקע.

— יא, דאָס איז אמת — האָט זיא
געזאָגט נאָך א ווײַלע נאָכדענקען —
אָבער איך וואָלט גערן געגאַנגען אליין.
עס מוז זיין א פארגניגען ארומצופאָה־
רען אליין.

ער האָט זיא אָנגעקוקט מיט א
פעסטען בליק:

— אויך צוויי קענען טרוימען צו־
זאמען.

זיא האָט אראָבגעלאָזען די אויגען.
האָט זיא זיך דאָס מודה געווען אויף
זיינע ווערטער? אפשר.

— איך וואָלט געוואָלט בעזוכען
איטאַליען — האָט זיא אָנגעהויבען מיט
א שטילער שטימע — און גריכענלאנד
און קארסיקא; דאָרט מוז זיין אזוי
ווילד און אזוי שעהן.

אָבער ער וואָלט בעסער ארומגע־
פאָהרען אין דער שווייץ; דאָרט זיי־
נען וואונדערליכע בערג און סאזשעלקעס

— ניין, — האָט זיא זיך געשפּאַרט
— איך וואָלט בעסער וועלען זיין אין
גאַנצען אין נייע לענדער ערגעץ, אזוי
וויא אין קארסיקא; אָדער ווען ניט
איז לכל הפחות אין אלטע לענדער וויא
גריכענלאַנד, וואו עס זיינען אזוי פיעל
אלטע עראינערונגען. עס מוז זיין אנ־
גענעהם צו זעהען דעם סליאד פון פעל־
קער, וועמעס געשיכטע מיר האָבען גע־
לערענט ווען מיר זיינען געווען קינדער,
און צו זעהען דיא פלעצער, וואו גרוי־
סע זאכען זיינען געשעהען.

— און איך וואָלט בעסער בעזוכט
ענגלאַנד — האָט ער מיט א רוהיגקייט
ערקלערט — דאָס איז א היסטאָרישע
מדינה.

אזוי זיינען זיי דורכגעפאָהרען דיא
גאַנצע וועלט, דיסקוטירענדיג וועגען
דיא אנגענעהמע אייגענשאַפטען פון יע־
דען לאַנד פון דיא פּאָלען ביז צום
עקוואַטאָר און זיינען בעגייסטערט גע־
וואָרען פון פאַנטאַסטישע לאַנדשאַפטען
און פון דיא בעזונדערע מנהגים פון
אלטע פעלקער, וויא דיא כינעזער, לאַפּ־
לאַנדער. אָבער זיי זיינען געקומען צום
שלום, אז פון אלע לענדער איז פראַנק־
רייך דאָס שעהנסטע מיט איהר מעסי־
גען קלימאַט, קיהל אין זומער און מילד
אין ווינטער, רייכע פעלדער, גרינע
וועלדער, גרויסע, שטילע טייכען און
דער עיקר דיא קולטיווירונג פון דיא
שעהנע קינסטע, וועלכע מען געפינט
ערגעץ ניט אזוי וויא איז פראנקרייך.
זינט דיא גרויסע יאהרהונדערטע פון
אטהען.

דאַן זיינען זיי אנטשוויגען געוואָ־
רען. דיא זונן, זינקענדיג אלץ נידרי־
גער, האָט אויסגעוויזען אזוי וויא זיא
וואָלט בלוטען. דאָס לעצטע ביסעל
ווינד איז איינגעשטילט געוואָרען און
דאָס וואסער איז געווען איצט גלאַט ווי
א שפּיגעל, און דער זעגעל איז געווען
רויט. אַן אונבעגרענצטע שטילקייט
האָט ארומגעכאַפּט דיא עלעמענטען פון
דער נאַטור. דער ים, אזוי וויא אַן אונ־
געהייער גרויסע כלה וואָלט פארגע־
לייגט איהר גליהענדען בוזים, ערוואַר־
טענדיג איהר זונן־פייעריגען געליעבטען,
וועלכער שטייגט אראָב צו איהר. מיט
האַסטיגען אימפּעט צום זינקען האָט ער
זיא איינגעהילט אין פּורפּור־רויטקייט
מיט תאוה ארומצונעהמען זיא. אָט
איז ער שוין מיט איהר; און ביס־
לעכווייז האָט זיא איהם פערשלונגען.
דאַן האָט זיך א קיהלקייט צושפּרייט פון
האָריזאָנט; א שוידער האָט צורונ־
צעלט דעם באַוועגליכען בוזים פון'ם
וואַסער.

דער בין־השמשות איז געווען קורץ:

פינסטערקייט האָט זיך פארשפרייט, אויסגעזעצט מיט שטערן. פאָטער לאָס־טיק האָט א נעהם געטהאָן דיא וועס־לעס ; און זיי האָבען בעמערקט וויא דער ים איז געוואָרען פאספאריסטיש פינקעלדיג. זשאנע און דער גראף זי־צענדיג זייט ביי זייט האָבען נאָכגע־קוקט דעם פינקעל־סליאָד, וואָס דער שיפעל האָט געלאָזען א הינטער זיך. איהר האנד איז געלעגען אויף דעם ביינקעל, וואו זיא איז געזעסען און א פינגער פון איהר שכן האָט זיך אָנגע־ריהרט אן איהר הויט אזוי וויא צופע־ליג ; זיא האָט ניט אָבגעצויגען, זייע־ענדיג איבעראשט, גליקליך און צו־מישט פון דיעזער לייכטער בעריהרונג.

ווען זיא איז אוועק צו זיך אין צי־מער דיעזען אָבענד האָט זיא געפיהלט א בעזונדער עמפפינדונג, אזא ליעב־ליכקייט און זאנפטקייט, אז אלעס האָט עפעס בעוועגט זיא צום וויינען. זיא האָט געקוקט אויף דעם זייגער וואָס איז געשטאַנען אויף דעם טישעל פון רויזען־האָלץ און דער פאמפעדיטעל אין דער געשטאַלט פון א ביהן האָט זיך איהר געדוכט אז זיא זעהט און פיהלט דעם טיק־טאַק פון א הארץ, פון א פריינדס קלאפענדעס הארץ. און זיא האָט אָב־געשטעלט דעם געגילטען ביהן און האָט אָבגעדריקט א קוש אויף זיינע פליגע־לעך. זיא וואָלט געקוסט איצט אלעס. זיא האָט זיך דערמאָהנט, אז ערגעץ אין איהרען א שופלאָד ליעגט אונטען בעהאַלטען איהרע א פופע, נאָך פון איהרע קינדער־יאָהרען. זיא האָט איהר אויסגעזוכט און מיט א שמחה, וויא איינער פיהלט ווען ער בעגעגענט זיך מיט א טהייערען, אלטען פריינד, האָט זיא באַדעקט מיט ווארעמע קוסען דיא געפארבטע בעקלעך און דיא קרויזע האָאָר פון דעם שפיעל־צייג. און האל־טענדיג איהר אין איהרע ארעמס האָט זיא געטרוימט.

איז ער ווירקליך דער באשערטער מאַן, איהר באשערטער פון טויזענדע געהיימע שטימען, וועלכע דיא השגחה האָט צוגעשיקט אויף איהר וועג ? איז ער ווירקליך דיא פערזאָן, וועלכע איז בעשאַפען געוואָרען פאר איהר, צו וועלכער זיא וואָלט געווידמעט איהר גאנצע עקזיסטענץ ? זיינען זיי דיא צוויי פון פאַראוים באשערטע איינע פאר דעם צווייטען, וועמעס פעראייניגטע געפיהלען וואָלטען זיך צונויפפלעכטען דורכוועבען אין דער ליעבע ?

זיא האָט איצט מעהר ניט געפיהלט דיא אויפרעגונג אין איהר גאנצען קער־פער, יענע וואהנזיניגע רייצונגען, וועל־כע זיא האָט גערעכענט פאר ליידענ־שאַפט. איהר האָט זיך אָבער אויס־געוויעזען, אז זיא הויבט איהם אן צו ליעבען ; און זיא האָט דורכאויס גע־טראכט וועגען איהם.

דיא נאכט האָט זיא ווייניג געשלאָ־פען. און פון טאָג צו טאָג האָט זיא אָנגעהויבען צו פיהלען אלץ מעהר דעם אונרוהיגען פערלאַנג צו ליעבען. דאָס האָט זיא אין גאנצען פערכאַפט. זיא פלעגט זיך נאָכאנאנד פרעגען, פלעגט פרעגען זיא ראמאשקע־בליהמעלעך, דיא וואָלקענס, פראָבירען טרעפען דורך ווארפען א מטבעה אין דער לופטען.

איין אָבענד האָט איהר דער פאָ־טער א זאָג געטהאָן :

— פוץ זיך אויס מאָרגען אין דער־פריה.

— צו וואָס עפעס, פאפא ? — האָט זיא א פרעג געטהאָן.

— דאָס איז א סוד — האָט ער איהר געענטפערט.

און ווען זיא איז אויף מאָרגען־אַראָבגעקומען אין גאנצען פריש, אויס־געפוצט אין א העלען קלייד, האָט זיא דערזעהען, אז דער טיש אין עמפפאנגס־צימער איז באַדעקט מיט קעסטלעך קאָנ־פעקטען און אויף א שטוהל ליגט א

גרויסער בוקעט בלומען. א קארעטע איז צוגעפאהרען צום הויף. מען קען אויף איהם לעזען דעם אויפשריפט . „לעראנט פעקאמפ, דער בעקער פון צוקער־געבעקס. חתונה־מאהלצייטען.“ און דיא דיענסט, לודווין, געהט צו און צוזאמען מיט דעם פוהרמאן ציהען זיי ארויס פון דער געעפענטער טהירעל א לאנגען פלאכען קאשיק פון וועלכען עס פיהלט זיך אזא אפעטיטנער ריח.

דער גראף דע־לאמאר איז ערשיענען. זיינע פאנטאלאנעס זיינען שטייף אנגעצויגען און אונטען פערשנאלט אונטער דיא גלאנציגע שטיוועלעך, וועלכע ווייזען וויא שמאל זיינע פיס זיינען. זיין לאנגער פראק כאפט נעט ארום זיין פיגור, דיא זיידענע שפיצען, וועלכע בעפוצען זיין העמד, פארדעקען זיין ברוסט און דער רייכער קראוואט מיט פיעל פאלבען מאכען איהם האלטען הויך זיין שעהנעם דונקעלען קאפ, אין וועלכען מען זעהט דעם אמת'ן אדעליגען. זשאנע, אן ערשטוינטע, קוקט אויף איהם אזוי וויא זיא האט נאך קיין מאל אויף איהם ניט געקוקט. איהר דוכט זיך, אז ער איז דער גרעסטער אדעלמאן, זעהר א גרויסער הערר פון קאפ ביז דיא פיס.

ער האט זיך פערנייגט מיט א שמייכעל, זאגענדיג :

— נון, מיין ווייבעלע ביסטו פערטיג ?

זיא שטאמעלט :

— ווארום, וואס איז דען ?

— דוא וועסט שוין באלד וויסען.

דיא חופה־קארעטע איז צוגעפאהרען, מאדאם אדעלאאידע איז אראבגעקומען פון איהר צימער אן אויסגעפוצטע, אנגעלעהנט אויף דעם ארעם פון ראזאליען, וועלכע איז אזוי ענטציקט פון מאסיע דע־לאמאר, אז דער בארצן האט זאגאר געמאכט דיא בעמערקונג :

— איך, זאג, גראף, אונזער דינסטמיידעל געפינט אייך אפנים נאך איהר געשמאק.

דער גראף איז פון דער בעמערקונג רויט געווארען איבער דיא אויערן און האט זיך געמאכט ניט הערענדיג. ער האט גענומען דעם גרויסען בוקעט און האט דאס צוגעטראגען זשאנען. זיא האט גענומען דעם בוקעט, זייענדיג נאך מעהר ערשטוינט פון דאס פאסירענדע.

אלע פיער זיינען אריין אין דער קארעטע ; און דיא קעכין לודווין האט צוגעטראגען דער באראניז אויסצוטרינקען א קאפע קאלטע טהיי אום צו קרעפטיגען זיך, זאגענדיג :

— ווירקליך, מאדאם, לייט וועלען זאגען, אז דאס איז א חתונה.

זיי זיינען צוגעפאהרען צו דעם דארף איפארט ביים ברעג ים, און ווען זיי זיינען דורכגעפאהרען דעם דארף זיינען אלע שיפער געווען אנגעטהאן יום־טוב'דיג. זיי האבען ארויסגעשטייגט. אלע האבען זיך פערנייגט פאר'ן באראָ, געדריקט זיין האנד און זיינען נאכגעגאנגען אין בעגלייטונג אזוי ווי אין א פראצעסיאן. דער גראף האט אנגעשטעלט זשאנען זיין ארעם און זיי זיינען געגאנגען פאראויס בעפאר אלעמען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דער קירכע, האט זיך דיא פראצעסיאן אבגעשטעלט, און דער גרויסער זילבערנער צלם האט זיך געוויזען, געטראגען פון איינעם פון דיא אינגלעך פון כאר און נאך איהם נאך איינער אין רויט און ווייס האט געטראגען דעם בעקען מיט הייליגעס וואסער. און ביים ברעג פון ים איז געשטאנען א גרויסע מאסע מענשען, ווארטענדיג ארום א נייעם שיפעל, וועלכער איז געווען בעפוצט מיט בלומען און גירלאנדעס. דער מאסט און דער זעגעל זיינען געווען בעהאנגען מיט לאנגע בענדער, וועלכע האבען געפלאטערט אין דער לופט, גע־

בלאָזען פון ווינד, און אויבען אויפ'ן שפּיץ פון זעגעל־בוים האָט געפלאַטערט דער אויפשריפט מיט גאָלדענע אותיות: "זשאַנע".

פּאַטער לאַסטיק, דער בעל־הבית פון דיעזען שיפעל, וועלכער איז געבויט געוואָרען אויף דעם באַראָן'ס קאָסטען, איז צוגעגאַנגען צום אָנהייב פון פּראָצעסיאָן. האָן האָט דיא גאַנצע מאַסע אַזוי וויא איין מאַן, אַראָבגענומען דיא היטלען, און איין מחנה פרומאַקעס, געקליידעט אין לאַנגע שוואַרצע מאַנטלען, וועלכע הייגגען אַראָב אין גרויסע פאַלדען פון זייערע שולטערן, האָבען געקניעט דערזעהענדיג דעם גרויסען זילבערנעם צלם.

דער גלח, צווישען צוויי כאָר אינגלעך, איז געשטאַנען ביי איין ברעג פון שיפעל און אויף דעם אַנדער ברעג זיינען געשטאַנען דריי אַלטע כאָריסטען אין זייערע ווייסע קיטלען, קוקענדיג אין דיא געבעט־ביכער האָבען געזונגען מיט פאַלשע טענער און קולות אין טאָג אַריין.

און דער טרוים, וועלכער האָט זיא פערפאָלגט דיא גאַנצע צייט האָט איצט ערשט אָנגענומען דאָס געשטאַלט פון א ווירקליכקייט איינגעפאַכט אין האַלצינאַציעס. זיא האָט פּלוצלונג דערפיהלט, אַז ער, דע־לאַמאַר, דריקט איהר האַנד, גאַנץ ווייך פון אָנפאַנג: אָבער אַלץ פעסטער און פעסטער דערנאָך און ענדליך אַזוי פעסט, אַז דיא האַנד קען צוברעכען ווערען. און אליין גיט ער ניט א ריהר זיין געזיכט און קיינער באַמערקט דאָס גאָר ניט.

—א, זשאַנע, ווען דו וואָלסט וועלען וואָלט דאָך דאָס געווען אונזער האָכצייט.

זיא האָט אָנגעבויגען איהר קאָפּ זעהר לאַנגווייליג, וואָס עס האָט אפנים בעדייטעט: „יא“. און דער גלח, וועלכער האָט נאָך אַלץ געשפּריצט דאָס הייליגע וואַסער, האָט איצט אַרויפגעשפּריצט עטליכע טראָפּען אויף זייערע פינגער.

דאָ איז געווען דיא ענדע. דיא פרויען האָבען זיך א הויב געטהאָן. דאָס צוריק קעהרען איז געווען א מישמאַש. דער צלם אין דיא הענד פון דעם כאָרזינגערל האָט פערלאָרען זיין גאַנצען ווערטה. האָט זיך גערוקט אַלץ פאָראויס שטופענדיג זיך צווישען דער מאַסע, געשאָקעלט זיך אין דעם אינגעלס האַנד און אָט, אָט וועט ער נאָך א פאַל טהאָן און טרעפען וועמען אין נאָז. דער גלח זאָגט שוין ניט מעהר קיין תפילות, נור געהט פון הינטען און וויל אָניאָגען דעם צלם. און דיא מאַטראָזען מיט דיא אַלע שיפּס־מענשען איילען זיך קופּעס־ווייז. זייערע קעפּ זיינען פיל מיט איין געדאַנק. דער ריח פון מאכלים האָט זיי פאַרשמעקט אַלעמען, האָט לייכטער געמאַכט זייערע פיס און וואַסערדיג געמאַכט זייערע מיילער. דאָרט אין דעם פּאַפּעל־בוימער שלאָס איז פאַר זיי אָנגעגרייט א מאַהלצייט.

ביים מאַהלצייט איז געזעסען זשאַנע צו דער רעכטער האַנד פון'ם גראַף דע־לאַמאַר און זיא איז געשוואומען אין א ים פון גליק. זיא האָט מעהר קיין זאַך ניט געזעהען, ניט געוואוסט און האָט געשוויגען. איהר קאָפּ האָט געשווינדעלט פון שמחה.

— וואָס איז דיין ערשטער נאָמען?

— האָט זיא איהם שטיל א פרעג געטהאָן.

— זשוליאַן — האָט ער געענטפערט —האָסטו דאָס גאָר ניט געוואוסט נאָך?

אָבער זיא האָט מעהר ניט געענטפערט; זיא האָט נור געטראַכט:

— וויא אָפט וועל איך אַרויסריידען דיעזען נאָמען.

ווען דער מאַהלצייט איז געווען צוענדע, האָבען זיי פערלאָזען אַלעמען און זיינען אַוועק גאָר איין אין אַנדער

זייט פון שלאָס. דיא באראָנין, אַנ־געלעהנט אויף דעם באראָן'ס אָרעם האָט אָנגעהויבען נעהמען איהרע שפּאַציער־גאַנגען, פוןביידע זייטען בעגלייט פון דיא צוויי גלחים, וואָס זיינען געווען צו דער חתונה. און זשאַנע מיט זשו־ליאַן זיינען אַוועק צום ברייטען טהאָל און זיינען פערגאַנגען אין איינע פון דיא קליינע שטעגלעך צווישען דיא געדיכ־טע קוסטעס. און פּלוצלונג האָט ער אַ כאַפּ געטהאָן איהרע הענד און געזאָגט:

— זאָג מיר, וועסטו זיין מיין פרוי ?

זיא האָט ווידער אַנגעבויגען איהר קאָפּ, און ווען ער האָט געשטאַמעלט: „ענטפער, איך בעט דיך !" האָט זיא אויפגעהויבען איהרע אויגען צו איהם זעהר ווייך. צערטליך אין ער האָט גע־לעזען דעם ענטפער אין איהר בליק.

# חתונה און איבערראַשונג

עס איז אוועק אַ קורצע צייט נאָך דיעזע האַלוצינאַציעס און חלומות. איין אין דער־פריה איידער זיא איז נאָך אויפגעשטאַנען איז דער באראָן אריין צו איהר אין צימער, האָט זיך געזעצט ביי איהר צופוסען אויפ'ן ראַנד בעט און האָט איהר דערצעהלט :

— דער הערר גראף דע־לאַמאר בעט דיין האַנד.

זיא האָט זיך פארשעהמט און האָט געוואָלט בעהאַלטען איהר פּנים אין קישען.

— מיר האָבען אָבגעלייגט אונזער ענטפער — האָט ער איהר ווייטער דער־צעהלט — אויף אַ קורצע צייט . . .

איהר האָט דער אָטהעם פערכאַפּט, זיא האָט געפיהלט ווי עס פאַרקוועטשט איהר דיא ברוסט. אז זיא ווערט שיער דערשטיקט.

דער באראָן וועלכער האָט זיך אָב־געשטעלט אין מיטען זיינע ווערטער, האָט געשמייכעלט און האָט איהר ער־קלעהרט :

— מיר האָבען דאָך ניט געוואָלט טהאָן וואָס ניט ריידענדיג מיט דיך פריהער וועגען דעם. דיין מוטער און איך האָבען גאָר ניט וואָס אויסצוזע־צען געגען אַזאַ שידוך, אָבער פון רעכטסווענען וואָלטען מיר ניט וועלען דיך איינשמועסען דערצו. דוא ביסט פיעל רייכער פון איהם. אָבער ווען עס האַנדעלט זיך וועגען גליקליך זיין אין לעבען דאַן וואָלטען מיר ווייניג געטראַכט וועגען געלד־זאַכען. קיין על־טערען האָט ער ניט. דאָס הייסט, אז ווען דוא וועסט מיט איהם חתונה האָ־בען קומט דאָס אריין אַ זוהן אין אונ־זער פאַמיליע. דען ווען דוא וואָלסט חתונה האָבען פאַר אַן אַנדערן וואָלט אויסקומען דיר, אונזער טאָכטער, צו לעבען צווישען פרעמדע.

זיא איז געוואָרען רויט ביז דיא האָאָר, האָט געשטאַמעלט און געענט־פערט :

— איך בין איינפערשטאַנען, פּאַפּאַ.

און איהר פאַטער האָט אריינגע־קוקט איהר טיעף אין דיא אויגען און נאָך אַלץ שמייכלענדיג האָט ער גע־זאָגט :

— אַזוי האָב איך טאַקע געדיינקט, מאַדעמואַזעל.

זיא איז געבליעבען עפּעס וויא אַ פער'שיכור'טע פון איהרע געפיהלען ביז פאַרנאַכט. ניט וויסענדיג וואָס זיא טהוט, וואו זיא געהט ; זיא פלעגט נעהמען אַ זאַך, ניט וויסענדיג וואָס און צו וואָס זיא נעהמט דאָס ; איהרע פיס זיינען געוואָרען שוואַך פון מיעד־קייט, ווען זיא איז גאָר ניט געגאַנגען. אַ זייגער זעקס פאַרנאַכט ווען זיא

איז געזעסען מיט איהר מוטער אונ־
טער א לינדען־בוים, איז דער גראַף
אנגעקומען. זשאנע'ס הארץ האט אנ־
געהויבען ווילד צו קלאפען. דער יונ־
גער מענש איז צוגעגאנגען, וויא עס
האט אויסגעזעהען, גאנץ רוהיג. ווען
ער איז געווען שוין גאנץ נאָהענט האט
ער אנגענומען דיא באראָנין'ס פינגער
און האט זיי א קוש געטהאן; דאן
דערלאנגענדיג א ציטערנדע האנד דער
יונגער מיידעל, האט ער איהר געגע־
בען א לאנגען קוש, צערטליך און דאנק־
באר.

עס האט זיך אנגעהויבען דיא גלענ־
צענדע צייט פון פער'קנס'טע. זיי
פלעגען זיך אונטערהאלטען אליין אין
א ווינקעל פון זאאל, אדער זיצענדיג
ערגעץ ביים ברעג וועלדעל, וואו עס איז
פאר זייערע אויגען געווען דורכאויס
ווילדערנעס. א מאל פלעגען זיי
אויך שפאציערען אין דיא אלעען פון
דער באראָנין; ער פלעגט ריידען ווע־
גען דער צוקונפט און זיא פלעגט הע־
רען מיט איהרע אויגען אראבגעלאָזען
אויף דעם שטויביגען סליאד פון איהר
מוטער'ס טריט.

איין מאל איז שוין אזוי בעשלאָסען
געווארען, האבען זיי געוואלט, אז עס
זאל שוין צוגעהן שנעלער. עס איז דער־
פאר אבגעמאכט געווארען, אז די חתונה
צערעמאָניע זאל זיין אין זעקס וואכען
ארום, דעם פינפצעהנטען אויגוסט;
דאָס יונגע פאאר זאל דאן גלייך אנ־
הויבען דיא האָכצייטס־רייזע. זשאנע
האט אויסגעוועהלט קארסיקא אלס דאָס
לאנד וואוהין צו פאהרען, ווייל דארט
קען מען זיין מעהר פאר־זיך איידער אין
דיא איטאליענישע שטעדט.

זיי האבען געווארט אויף דעם מאָ־
מענט פון זייער פערבינדונג דורך דער
הייראט ניט צו אונגעדולדיג, אבער
שטענדיג איינגעוויקעלט אין זיססע
צערטליכקייט, פערזוכענדיג דעם רייז־
צענדען צויבער פון ליעבליכע בעריהר־
רונגען פון געשלאָסענע פינגער, פון
ליידענשאפטליך אריינקוקען אין דיא
אויגען ביז ביידענס נשמות גיסען זיך
צונויף און זיינען געווען געמאטערט פון
טומאנער ערוואַרטונג צו בעפריעדיגען
דעם ציטערנדען וואונש ליינגער צו זיין
איינער אין צווייטענס ארעמס פול מיט
ליעבע.

דיא שוועסטער פון דער באראָנין
איז געווען אן אלטע מויד. נאך דעם
טוידט פון זייער פאטער האט דיא באַ־
ראָנין געוואָלט האלטען דיא שוועסטער
ביי זיך. אבער דיא אלטע מויד האט
זיך איינגעשמועסט, אז זיא איז אלעמען
אין וועג, אז קיין נוצען ברענגט זיא ער־
געץ ניט און איז נור פאר אלעמען אי־
בערדריסיג, און דארום האט זיא זיך
צוריקגעצויגען פון אלעמען, האט גע־
לעבט איינע אליין אין איינע פון דיא
וואהנונגען, וואס דער קלויסטער פלעגט
פארדינגען פאר אזעלכע, וואס זיינען
פארזארגט און פאראיינזאמט אין לעבען.

זיא פלעגט קומען פון צייט צו
צייט צו גאסט און פארברענגען ביי
איהר שוועסטער עטליכע וואכען. זיא
איז געווען א קליין־וויקסיגע פרויענצי־
מער, וועלכע האט ווענינ גערעדט, תמיד
צוריקגעהאלטען; זיא פלעגט זיך ווייזען
נור צום עסען און נאך'ן עסען פלעגט
זיא גלייך אוועק צוריק צו זיך אין צי־
מער און קיינער האט זיא ניט אנגעזע־
העזן.

א מיעדען און פעראלטערטען אויס־
זעהען האט זיא געהאט, מיט ווייכע,
טרויעריגע אויגען, און מען האט זיא
קיין מאל אין דער פאמיליע ניט גע־
רעכענט פאר עפעס אויך א פערזאן.
אפילו ווען זיא איז נאך געווען א קינד,
זייענדיג ניט שעהן און ניט מיאוס,
האט מען זיא ווענינ געצערטעלט און
זיא פלעגט תמיד עפעס זיין פעררוקט
אין א ווינקעל, שטיל און זאנפט. דער־

נאך ווען זיא איז עלטער געווארען האט מען זיא אויך אלע מאל פערנאכלעסיגט. ווען זיא איז געווען א יונגעס מיידעל האט איהר עפעס קיינער גאר ניט בעמערקט.

זיא איז געווען עפעס וויא א נויטיגער שאטען אין הויז, א געוועהנליכע זאך אויף וועלכער מען קוקט זיך ניט אום, א לעבעדיגעס שטיק מעבעל, וואס מען איז געוואהנט געווארען צו זעהען יעדען טאג, אבער וועגען וואס מען קימערט זיך ווייניג.

איהר שוועסטער, דיא באראנין. זייענדיג אזוי שוין איינגעוועהנט פון דיא עלטערנס הויז אן, האט אויף איהר געקוקט וויא אויף „אויך עפעס א באשעפענים", א ניט וויכטיגע בריאה. מען איז זיך מיט איהר בעגאנגען אהן צערעמאניעס אזוי וויא מיט אן אייגענע זאך און אין דער בענעהמונג צו איהר איז עפעס געווען בעהאלטען א מין גוטהערציגע פעראכטונג.

מען האט זיא גערופען ליז. נור אזא קינדערשען נאמען האט עפעס צופיעל וועה געטהאן. ווען מען האט דערזעהען, אז חתונה האבען וועט זיא שוין ניט, האבען זיי געענדערט איהר נאמען און האבען זיי אנגעהויבען צו רופען אנשטאט ליז טאנטע ליזאן. זינד זשאנע איז געבארען געווארען רופט מען זיא אזוי טאנטע ליזאן — א שטילע קרובה, ריינליך, שעהמענדיג און צוריקגעהאלטען אפילו מיט איהר אייגענער שוועסטער און אייגענעם שוואגער, וועלכע האבען זיא פון דעסטוועגען גאנץ ליעב געהאט. אבער אזא סארט ליעבע איז דאס געווען, א געפיהל וואס האט זיך אויפגעקאכט פון גלייכגילטיגקייט, רחמנות און נאטירליכער וואהלטהעטיגקייט.

צייטענווייז, ווען דיא באראנין פלעגט זיך צוריידען וועגען דיא לאנג פערגאנגענע יאהרען, וועגען עראינערונגען פון איהר קינדהייט, פלעגט זיא א מאל זאגען, אום צו דערמאהנען זיך אקוראט אין וואס פאר א טאג: „דאס איז געווען דאן ווען ליזאן איז בעגאנגען איהר אונבעאכטע טהאט,"

מעהר קיין ערקלעהרונגען וואס פאר א מין „אונבעאכטע טהאט" דאס איז געווען פלעגט מען ניט הערען; דאס איז געבליעבען פערשלייערט אין א טומאן. דאס איז געווען איין אבענד ווען ליזע איז אלט געווען ערשט צוואנציג יאהר, זיא האט אריינגעווארפען זיך אין וואסער און קיינער האט ניט געוואוסט פאר וואס, פאר ווען. קיינער האט ניט געמערקט פריהער אין איהר עפעס אזעלכעס, אז אזא זאך זאל מען פון איהר קענען ערווארטען. מען האט זיא ארויסגעצויגען א האלב־טויטע, און דיא עלטערען האבען נור אויפגעהויבען דיא הענד מיט פערדריסליכע איבערראשונג, אנשטאט צו זוכען, אויספארשען וואס עס האט געקענט זיין דיא געהיימע אורזאכע פון איהר טהאט, און האבען אנגעהויבען צו ריידען וועגען דער „אונבעדאכטער טהאט" אזוי וויא זיי וואלטען ריידען וועגען אזא אונערווארטעטע אונאנגענעהמליכקייט, וואס דער פערד האט אויסגעבראכען פלוצלונג א פוס און מען האט איהם דערשאסען ער זאל זיך ניט מאטערן.

פון דאן אן האט מען גערעכענט ליזע, וועלכע איז געווארען דערנאך ליזאן, אלס א תם'עוואטע, א שוואכזיניגע. דיזע גוטהארציגע פעראכטונג, וועלכע זיא האט ערוועקט אין אלעמען, אפילו אין איהרע נאהענטסטע, האט זיך שוין צושפרייט אויף אלעמען. און אפילו זשאנע האט שוין פון קינדהייט אן געפיהלט אזוי און האט זיך אויף דער טאנטע ווייניג אומגעקוקט. איז קיין מאל ניט צוגעגאנגען א קוש טהאן זיא, האט קיין מאל ניט געהאט דעם וואונש אריינצוגעהען צו דער טאנטע אין צימער.

און מעהר וויא ראזאליע, דיא גוטהאר־ציגע ראזאליע, האט זיך ניט צוגעקוקט צו טאנטע ליזאן'ס צימער און זעהען אויב עס איז דארט וואס נויטיג.

טאנטע ליזאן פלעגט שטענדיג געהען מיט שטילע, גיכע טריט, קיין מאל ניט מאכענדיג קיין לארעם, קיין מאל ניט אנשטויסענדיג זיך אויף עפעס. איהרע הענד זיינען געווען אזוי ווייך, אזוי צארט, אז זיא פלעגט אננעהמען עפעס פלעגט דאס זיין אזוי לייכט, זאנפט און שטיל, אז עס זאל ניט מאכען דעם מינדעסטען רויש.

טאנטע ליזאן איז געקומען צופאהרען אין מיטען יולי, א צוטומעלטע עפעס פון דעם פאל, וואס זשאנע געהט חתונה האבען. זיא האט מיטגעבראכט א היבשע ביסעל מתנות, אבער מען האט דיא מתנות כמעט ניט באמערקט. זינט דעם טאג וואס זיא איז אנגעקומען האט זיך קיינער אין הויז ניט אומגעקוקט, אז זיא איז דא, אבער עפעס א בעזונדער געפיהל האט זיך געמוזט באוועגען אין איהר אין אויפרעגען זיא, און זיא האט דיא אויגען ניט אראבגענומען פון דיא פערלאבטע. זיא האט ארומגעפאדעט ארום דער גארדעראבע, ארום דיא זאכען וואס מען מאכט פערטיג צו דער חתונה אלין פיבעריש, נערוועז, שטארק באשעפטיגט און האט געארבייט שווע־וויא אן איינפאכע שניידערין, וועלכע דארף פערטיג מאכען צו דער צייט. אבער דאס האט זיא אליין געטאהן אין איהר צימער, ווען קיינער האט ניט געזעהען.

יעדען טאג פלעגט זיא אראבבריינגען דער בארענין א מתנה, טאשענטיכער וועלכע זיא האט אליין מיט איהרע הענד געזיימט, האנטעכלעך, אויף וועלכע זיא האט אליין מיט איהרע הענד ארומגעגענעהט דיא קרוינדלעך. און ברייגנגע־דיג דאס איהר שוועסטער, פלעגט זיא א פרעג טאהן!

— איז דאס גוט אזוי, אדעאאידע?

דיא בארענין פלעגט גלייכגילטיג א קוק טאהן און ענטפערן:

— וואס'דארפסטו זיך נעהמען אזוי פיעל מיה, מיין ארעמע ליזאן.

איין אבענד, ענדע מאנאט איז דאס געווען, נאך א שטיקענד היציגען טאג, דיא לבנה איז ערשיענען אין הימעל ווי זיא איז אין דיא קלארע, ווארעמע נעכט, וועלכע בעאונרוהיגען, בעגייסטערען און וועקען אויף דיא געהיימסטע פאעזיע אין אונזערע נשמות.

דער ווייכער אטהעם פון דיא פעלדער האט אריינגעהויכט אין זאאל, וואו דיא בארענין מיט איהר מאן זיינען געזעסען און האבען געשפיעלט אין קארטען אויף א ליכטיגען פלאטץ אין צימער, וועלכע איז געווען ארומגעשטאטעט פון דעם אבאזשור פון לאמפ. טאנטע ליזאן איז געזעסען צווישען זיי ביידען און האט עפעס אויסגענעהט. דיא יונגע זיינען געשטאנען אנגעבויגט אויף דעם אפענעם פענסטער און ארויסגעקוקט אין גארטען, וועלכער איז געווען בעלויכטען אין גאנצען פון'ם שיין פון דער לבנה. דיא לינדען-בוימער האבען געווארפען זייערע שאטענס אויף דער גרויסער לאנקע, וועלכע איז געווען אויסגעשפרייט ווייט און ברייט.

זייענדיג געלאקט פון דעם ווייכען צויבער פון דער נאכט, וואס האט געמאניעט, גערופען אין דער פערשלייערטער ליכטיגקייט פון דיא בוימער און אין דיא קוסטעס, האט זשאנע זיך א קעהר געטאהן צו איהרע עלטערן און האט א זאג געטאהן:

— פאטער, מיר געהען א שפאציער טאהן דארט אויף דיא גראז אין פראנט פון שלאס.

— געהט, קינדער מיינע — האט

דער באַראָן געענטפערט, שפּיעלענדיג ווייטער.

זיי זיינען ארויס און האָבען אָנגעהויבען ארומגעהן לאַנגזאַם איבער דער גרויסער ווייסער לאָנקע און זיינען פערגאַנגען ביז דעם אראָב בארג. זיי האָבען ניט באַמערקט וויא דיא צייט איז פערביי און האָבען ניט געטראַכט וועגען צוריק געהן. דיא באַראָנין איז געווען מיעד און האָט געוואָלט ארויפגעהן צו זיך אין צימער:

— מען האָט געדאַרפט אַ רוף טאָהן דיא פערליעבטע — האָט זיא געזאָגט.

דער באַראָן איז מיט אַ בליק אין פענסטער דורכגעלאָפען דעם גרויסען בעלויכטענעם גאַרטען, וואו דיא צוויי שאַטענס האָבען לאַנגזאַם ארומגעוואַנדערט און האָט זיך אָבגערופען:

— א, לאָז זיי צורוה. עס איז אזוי אָנגענעהם איצט דרויסען! ליזאַן וועט אויף זיי אויפוואַרטען. וועסטו ליזאַן?

— געוויס וועל איך וואַרטען אויף זיי — האָט ליזאַן געענטפערט מיט איהר איינגעהאַלטענע שטימע, אויפהויבענדיג אומרוהיג איהרע אויגען.

דער באַראָן האָט געהאָלפען זיין פרוי אויפהויבען זיך פון פּראַץ און אליין אויך מיעד פון דעם הייסען טאָג, האָט ער געזאָגט:

— און איך רעכען, אז איך וועל אויך געהן שלאָפען.

טאַנטע ליזאַן איז געבליעבען אליין. זיא איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, האָט זיך ארויסגעבויגען אום הנאה צו האָבען פון דער פּרעכטיגער נאַכט. דאָס יונגע פּאָרעל האָט ארומשפּאַצירט אין דער לענג פון דעם גאַרטען, האַנד אין האַנד היין און צוריק און האָבען ניט גערעדט, אזוי וויא זיי וואָלטען געווען פערטרונקען אין זיך גופא, צוזאַמען מיט דער טהויאיגער פּאָעזיע, וועלכע האָט ארויסגעשטייגט פון דער ערד.

זשאַנע האָט פּלוצלינג בעמערקט אין דיא ראַמען פון פענסטער אזוי וויא איינגעפּאַסט דאָס געשטאַלט פון דער אַלטער מויד, וועלכע דער שיין פון לאַמפּ האָט אָבגעצייכענט.

— זעה, טאַנטע ליזאַן איז דאָרט און קוקט אויף אונז.

— יא, טאַנטע ליזאַן קוקט אויף אונז — האָט דער גראַף געענטפערט גלייכגילטיג, ניט טראַכטענדיג בעזונדערס וועגען דעם, וויא וועגען אַ ניט וויכטיגע זאַך.

און זיי האָבען ווייטער ארומשפּאַצירט, געטרוימט, אין ליעבע פערבראַכט. אָבער דער טהוי איז געווען קיהל און זיי האָבען געשוידערט אביסעל פון דיא קאַלטהייט.

— לאָמיר אריין אין הויז — האָט זשאַנע געזאָגט, און זיי זיינען אריינגעגאַנגען.

ווען זיי זיינען אריין אין זאַאַל האָט טאַנטע ליזאַן זיך ווידער גענומען פאַר איהר האַנדאַרבייט; זיא האָט איהר קאָפּ אָנגעבויגט איבער איהר ארבייט און איהרע דינע פינגער האָבען אביסעל געציטערט אזוי וויא זיי וואָלטען געווען זעהר מיעד פון דער ארבייט. זשאַנע איז צו איהר צוגעגאַנגען:

— טאַנטע — האָט זיא געזאָגט — אַלע געהען דאָך שלאָפען.

דיא אַלטע מויד האָט אָבגעקעהרט איהרע אויגען; זיי זיינען געווען רויט אזוי וויא זיא וואָלט געוויינט. דיא פערליעבטע האָבען דערויף ניט געצאָהלט קיין בעזונדער אויפמערקזאַמקייט; דער חתן האָט אָבער בעמערקט, אַז זיין געליעבטעס שיך זיינען באַדעקט מיט טהוי. ער איז געוואָרען זעהר בעזאָרגט וועגען דעם און האָט מיט ליעבע אַ פרעג געטהאָן:

— זיינען דיינע טהייערע פיסעלעך ניט קאַלט?

און פּלוצלונג האָבען דיא טאַנטעס פינגער אָנגעהויבען צו טרויסלען זיך

אזוי שטאַרק, אַז די אַרבייט איז אַרויס־געפאַלען פון איהרע הענד. דער קנויל־כעל זייד איז אַראָבגעפאַלען און האָט זיך אוועקגעקייקעלט איבער דיא דילען און פאַרדעקענדיג שנעל איהר פּנים מיט דיא הענד האָט ליזאַן אַנגעהויבען וויינען מיט קאָנוואולסיווען שלוכצען.

דיא צוויי פערליעבטע האָבען אויף איהר געקוקט מיט ערשטוינונג, ניט ריהרענדיג זיך פון פּלאַץ. זשאַנע האָט זיך אָבער אַ הויב געטהאָן פּלוצלונג, איז צוגעלאָפען צו איהר און צונעהמענדיג איהרע הענד, האָט זיא ערשראָקען אַ פרעג געטהאָן:

— וואָס איז? וואָס האָט פּאַסירט, טאַנטע ליזאַן?

דאַן האָט דיא עלענדע פרוי אַנגע־הויבען צו שטאַמלען, בעגיעסענדיג זיך מיט טרעהרען:

— דאָס... דאָס איז... ווייל ער האָט דיך געפרעגט: „זיינען ניט דיינע טייע־רע פּיסלעך קאַלט?" קיינער, קיינער האָט דאָס צו מיר קיין מאָהל נִיט גע־זאָגט. קיין מאָהל ניט... קיין איין מאָל ניט.

זשאַנע, אַן איבערראַשטע איז גע־ווען גערירהרט, אין איהר האָט זיך ער־וועקט רחמנות, פון דעסטוועגען האָט זי געפיהלט אזוי וויא צולאַכען זיך. ביי דער פאַרשטעלונג, וויא אַ געליעבטער איז צערטליך צו דער טאַנטע ליזאַן און רעדט צו איהר ווערטער פון ליעבע; דער גראַף האָט זיך אויך אַבגעקעהרט אום ניט אויסצושיעסען איז אַ געלעכטער אָבער דיא טאַנטע האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען שנעל פון איהר פּלאַטץ, האָט זיך ניט אומגעקוקט און איז מיט שטילע שנעלע שריט אַרויף אויף דיא טרעפּ און גלייך צו זיך אין צימער.

אויף מאָרגען האָבען זיי ביידע גאַר ניט אַ טראַכט געטהאָן אפילו וועגען די טרערען פון דער אַלטער מויד. און דיא לעצטע צוויי וואָכען פאַר דער האָכצייט איז זשאַנע געווען שטיל און רוהיג, אזוי וויא זיא וואָלט געווען מיעד און מאַט, אָבגעשוואַכט און אויסגעמאַטערט פון דיא זיסע עמפּפינדונגען. זיא האָט קיין צייט ניט געהאַט צו טראַכטען וועגען דעם בעשטימטען טאָג גופא, וועגען דעם ענטשיידענדעם טאָג פון אַן ענדע־רונג אין איהר לעבען. זיא איז ניט גע־קומען צו זיך ביז וואַנען זיא האָט זיך שוין דערזעהען לעבען דעם כאַרוס אין קלויסטער בשעת דער חתונה־צערעמאָני.

דאָס הייסט, שוין חתונה געהאַט! פערהייראַטה! איהר האָט דאָס אַלץ אויסגעזעהען עפּעס וויא אין אַ חלום. עס זיינען פאַראַן מאָמענטען, אין וועל־כע אונז דוכט זיך, אַז אַלעס אַרום אונז האָט זיך עפּעס פּלוצלונג געענדערט און האָט גאָר אַן אַנדער בעדייטונג. זיא האָט געפיהלט עפּעס וויא אַ צוטו־מעלטע, איבערראַשטע, ערשטוינטע. ערשט מיט אַ טאָג פריהער איז קיין זאַך ניט געווען געענדערט אין איהר לעבען, זיא איז געגאַנגען שלאָפען אַ יונגע מיידעל און אַט היינט איז זיא שוין אַ פרוי.

די צערעמאָניע איז געווען צו ענדע. אזוי וויא קיין געסט זיינען ניט געווען איינגעלאַדען איז אין קלויסטער געווען פּוסטלאַך. ווען זיי זיינען אַרויס האָט אַזאַ דונער אַ שטורעם געטהאָן, אַז זיא האָט זיך דערשראָקען. דאָס האָבען דיא בויערן פון דיא אַרומיגע דערפער אויס־געשאָסען מיט ביקסען אין איין זאַלפּ אַלס אַ בעגריעסונג, און דיא שיסעריי האָט ניט אויפגעהערט ביז זיי זיינען אַנגעקומען אין שלאָס, וואו אין הויף האָבען זיך אַנגעקליעבען יום־טוב'דיג פערפּוצטע בויערן און בויערטעס. און אין דער צייט ווען מען האָט זיי טראַק־טירט אין הויף פון שלאָס, איז דאָס יונגע פּאָר אוועק שפּאַציערען. דורך'ן וועלדעל זיינען זיי געגאַנגען אויף דעם שמאָלען שטעג, וועלכער איז געווען אזוי

פערוואקסען פוןביידע זייטען, אז מען האט קוים געקענט דורכגעהן.

זיא האט געפיהלט וויא זיין ארעם נעהמט ארום באזאכט איהר טאליע. זיא האט געשוויעגען: איהר הארץ האט אנגעהויבען פעסטער צו קלאפען. אראב־געהאנגענע צוויגען האבען בעריהרט זייערע קעפ. זיא האט אראפגעריסען א בלעטעל: צוויי פויגעלאך האבען זיך דערזעהען, וועלכע זיינען געווען בעהאל־טען הינטער דיא בלעטער:

— זעהט, זעהט — האט זשאנע איהם א זאג געטאהן — זעהט, א גאנצע פאמיליעטשקע.

זשוליאן האט צוגעלעגט זיין מויל גאנץ נאהענט צו איהר אויער און האט זיך אבגערופען:

— דיעזען אבענד ווערט איהר מיין ווייב.

זיא האט איהם אנגעקוקט. אמת זי האט גענוג געלערנט זינט זיי שפאצי־רען ארום און זינט זיא איז צו לאנד. אבער זיא האט ביז איצט געטראכט נור וועגען דער פאעזיע פון ליעבע. זיין ו ו י י ב? וואס מיינט ער? איז זיא דאס דען איצט ניט?

ער האט זיא דאן אנגעהויבען קוסען מיט קליינע שנעלע קוסען אין די שליי־פען, אין נאקען, וואו דיא ערשטע האאר הויבען אן צו וואקסען. א דורכ־געגומענע יעדעס מאהל פון דיעזע קוסען, צו וועלכע זיא איז נאך ניט געוועהנט געווען, פלעגט זיא אינסטינקטיוו אבצי־העז דעם קאפ אום אויסצומיידען זיינע ליעבהאבערייען, און דאך זיינען איהר זייגע קוסען געווען אנגענעהם. אבער אט זייגען זיי שוין געווען ביים ברעג וועלדעל.

— לאמיר זיך אומקעהרען! — האט זיא זיך געבעטען — וואס וועלען מענ־שען דענקען?

ער האט אוועקגענומען דיא האנד פון איהר טאליע. זיי האבען זיך ביידע א קעהר געטהאן און אנגעקוקט איינער דעם צווייטען אזוי נאהענט, אז יעדע־רער האט געפיהלט דעם צווייטענס אטהעם, אזוי וויא יעדערער פון זיי וואלט ערשט איצט וועלען אריינדרינגען אין צווייטענס נשמה, זעהען וואס ווע־לען זיי זיין איינער פאר׳ן צווייטען? וואס וועט פאר יעדען פון זיי זיין דאס פערהייראטע לעבען, ווען זיי זיינען בלויז ביידע צוזאמען? און עס האט זיך זיי געדאכט, אז זיי ביידע האבען נאך איינער דעם צווייטען ניט געזעהען.

און פלוצלונג האט ער א לעג גע־טהאן זיינע ביידע הענד אויף איהרע אקסלען און האט אבגעדריקט א לאנגען פייעריגען קוש אויף איהר מויל, אזא וויא זיא האט נאך קיין מאהל ניט בע־קומען. א קוש, וואס האט דורכגעדרונ־גען דורך איהרע אדערען און דורך און דורך דעם מארך פון איהרע ביינער און געגעבען איהר אזא שוידער, אז זיא האט ווילד איהם א שטויס געטהאן פון זיך מיט ביידע הענד און איז אליין שיער ניט אומגעפאלען אהינטער.

— לאמיר אוועק פון דאנען, לאמיר אוועק פון דאנען — האט זיא געשטא־מעלט.

ער האט ניט געענטפערט, ער האט אנגענומען איהרע הענד, האט זיי גע־האלטען אין זיינע און זיי האבען מעהר מיט קיין ווארט ניט איבערגעביטען זיך ביז זיי זיינען געקומען אהיים. לאנג האט זיך געצויגען דיא צייט ביז אבענד.

און אין אבענד איז געווען א מאהל־צייט כערווירט, צו וועלכען עס זיינען גע־ווען ווייניג געסט. דער בירגערמייסטער פון איפארט, דיא צוויי גלחים, דיא חתונה־עדות; דרויסען אין הויף פון שלאס א ז צוגעגאנגען פרעהלאך. פאק־לען האבען בעלויכטען דעם הויף; פויערשע פאארלאך האבען געטאנצט און דיענער פון שלאס האבען זיי טראַ־טירט מיט געטראנק און מיט צוביי

ביים מאַהלצייט־טיש האָט דער ביר־גערמייסטער זיך געוויצעלט, זאָגענדיג דעם גלח פיקא, אז דאָס איז געווען ניט קיין קירכליכע, נור גיכער א ציוויל־הייראטה, וואָס דעם גלח איז זעהר ניט געפעלען געוואָרען און ער האָט זיך געשפּאַרט, אז עס איז ניט אזוי.

זשאַנע מיט זשוליאַן האָבען זיך אויפגעהויבען פון מאַהלצייט און זיי־נען זיך דורכגעגאַנגען אין זאַאל. צווי־שען דעם באַראָן און דער באַראָנין איז עפּעס אַנגעגאַנגען א שטילע מלחמה; זיי האָבען זיך איבערגערעדט גאַנץ שטיל און פערדריסליך. דער באַראָן איז גע־שטאַנען דערויף, אז דאָס איז איהר פּפליכט אלס א מוטער און מאַדאַם אדע־לאַאידע האָט זיך איינגע'עקשנ'ט, האָט פערלאָרען דעם אטהעם נאָך מעהר וויא געוועהנליך און האָט ענדליך א זאָג גע־טהאָן:

— ניין, מיין פריינד; איך קען ניט. איך וויים ניט וויא איך זאָל אָנהויבען מיט איהר וועגען דעם. איך קען ניט...

דער באַראָן איז ברוגז'לאך פון איהר אַבגעטראָטען און איז האַסטיג צוגעגאַנגען צו זשאַנען.

— ווילסטו מיט מיר זיך דורכגעהן א וויילע, מיין קינד? — האָט ער א פרעג געטאָהן.

— וויא דו פערלאַנגסט, פּאַפּאַ — האָט זיא געענטפערט עפּעס א דערנו־מענע.

וויא זיי זיינען נור ארויס פון הויז האָט ער אָנגענומען איהר ארעם און האָט געהאַלטען פעסט צוגעדריקט צו זיך. איניגע מינוט זיינען זיי אזוי גע־גאַנגען; דער קיהלער ווינד האָט זיי גע־בלאָזען אין געזיכט און דער פאַטער איז עפּעס געווען אונענטשלאָסען, אונרוהיג. ענדליך האָט ער געפּאַסט מוטה.

— מיין טהייערינקע — האָט ער אָנגעהויבען — איך גאָה ערפיללען זעהר א שווערע אויפגאַבע; דאָס האָט גע־דאַרפט טהאָן דיין מוטער; אָבער אזוי וויא זיא זאָגט זיך אָב, מוז איך פאַר־נעהמען איהר פּלאַץ. איך בין ניט זיכער, אז דו ווייסט געוויסע זאַכען פון לעבען. עס זיינען פאַראַן אזעלכע סודות, וועל־כע מען האַלט בעהאַלטען פון קינדער, איבערהויפּט פון מיידלאך, דען מיידלאך דאַרפען זיין ריין געהאַלטען אין זייער גייסט; אזוי ריין, אז מען זאָל זיי ניט קענען בעריהרען ביז א געוויסע צייט, ווען מיר גיבען זיי איבער אין די ארעמס פון'ם מענשען, וועלכער ווערט דער בעל־הבית פון זייער גליק. צו איהם בעלאַנגט עס אויפצוהויבען דעם שלייער פון דער זיסער געהיימנים פון לעבען. אָבער אויב מען גיט זיי קיין אַנדייטונג ניט וועגען דעם ווערען זיי אויפגעבראַכט מאַנכע מאָהל און ראַנגלען זיך געגען דער עט־וואָס ברוטאַלער ווירקליכקייט וועלכע איז געווען פערשלייערט פון זייערע חלומות. איבער דיא שמערצען וואָס דאָס פעראורזאַכט זייער נשמה, און דער־ביי זיינען פאַראַן אפילו קערפּערליכע שמערצען, דערלאָזען זיי ניט דעם מאַן צו דאָס, וואָס עס קומט איהם, צו וואָס ער איז אַבסאָלוט בערעכטיגט על פי גע־זעץ... איך קען דיר מעהר ניט זאָגען, מיין טהייערינקע; אָבער פערגעס ניט אז דו בעלאַנגסט אין גאַנצען צו דיין מאַן.

וואָס האָט זיא דערפון געקענט גע־נויערעס וויסען? וואָס האָט זיא דערפון געקענט טרעפען? זיא האָט אָנגעהויבע־צו ציטערן; עס האָט איהר הארץ פער־דריקט אן אומעט, אזוי וויא דאָס הארץ וואָלט איהר זאָגען אז א אונגליק וועט פּאַסירען. אן איבערראַשונג האָט זיי ערוואַרט ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין הויז צוריק. מאַדאַם אדעלאַאידע האָט געשלוכצעט אויף דעם התן'ס ברוסט. זיא האָט איהם אין גאַנצען בענעצט מיט טרעהרען, וועלכע האָבען זיך ביי איהר געגאָסען פון מויל, פון נאָז, פון דיא



זשאַנע האָט זיך אין איהר שלאָף־צימער געלאָזט אויסטאָהן פון ראָזאַליע, פון וועמעס אויגען
עס האָבען געפליסט טרערען ווי פון א פאָנטאַן או איהרע הענד האָבען געציטערט.

אויגען און האָט זיך געבעטען מוטערליך ער זאָל צערטליך זיין צו איהר טאָכ־טער, איהר קינד, איהר בהייערסטע.

דער בּאראָן איז האַסטיג צוגעגאַנ־גען.

— אָ, קיינע סצענעס, איך בּעט דיך ; קיין שוואכהאַרציגקייט — און אָננעהמענדיג זיין פרוי אונטערן אָרעם האָט ער זיא אַוועקגעזעצט אין אַ פאָטעל אַ וויינענדע.

— קום, קינד, קום אָן דיין מוטער — האָט ער געזאָגט צו זשאַנען — און געה, געה שלאָפען.

אליין פערטיג צו וויינען, האָט זיא געקוסט איהרע עלטערן שנעל און איז גיך אַוועק. טאַנטע ליזאָן איז שוין לאַנג אַוועק אין איהר צימער. דער בּאראָן מיט זיין פרוי זיינען איבערגעבליבען צו־זאַמען מיט זשוליאָן. זיי האָבען אַלע געשוויגען. אַלעס איז עפּעס געוועזען אָנגע־צויגען, אָנגערטרעגליך. דער בּאראָן האָט געפונען אָן אויסרייד, האָט פאַרפיהרט אַ געשפּרעך וועגען דער רייזע, וואָס דאָס יונגע פּאָאַר וועט דאַרפען גלייך נאָך דער חתונה מאַכען אויף עטליכע טעג.

זשאַנע האָט זיך איז איהר שלאָף־צימער געלאָזען אויסטהאָן פון ראָזאַליע, פון וועמעס אויגען עס האָבען געפליסט נאָכאַנאַנד טרעהרען וויא פון אַ פאָנ־טאַן און איהרע הענד האָבען געציטערט, אַז זיא האָט ניט געקענט אָננעהמען קיין העקעל, קיין שפּילקע. וואָס וויינט זיא אַזוי פיעל ? עפּעס האָט זיך טאַקע ראָזאַליע געענדערט אין דער לעצטער צייט, זעהט גאָר אַנדערש אויס וויא אַמאָהל. וואָס האָט מיט איהר דען פאַ־סירט ? אָבער זשאַנע האָט ניט געהאַט איצט קיין צייט צו טראַכטען פיעל וועגען ראָזאַליעס ענדערונג. ביי איהר אליין האָט זיך דער קאָפּ געמישט.

אַ זאָנדערבּאַרער געדאַנק איז איהר אַרויף אויפ'ן זינען : ליעבט זיא איהר מאַן ? איהר האָט זיך פלוצלינג געדוכט, אַז ער איז איהר גאָר אַ פרעמדער, וועל־כען זיא קען נאָך אַזוי וויניג. מיט דריי חדשים צוריק האָט זיא נאָך גאָר ניט געוואוסט, אַז עס איז דאָ אַזאַ מענש אויף דער וועלט, און איצט איז זיא שוין זיין ווייב. פאַר וואָס איז דאָס עפּעס אַזוי ? פאַר וואָס פאַלט מען דאָס עפּעס אַריין אין חתונה אַזוי וויא אין אַ גראָ־בען אונטער דיא פיס ?

ווען זיא איז געוועזען אין איהר נאַכט־העמד איז זיא אַריין אין בּעט ; און די קיהלע ליילעכער האָבען געמאַכט איהר לייב ציטערן ; עפּעס האָט זיא געפיהלט קאַלט, איינזאַם, טרויעריג — אַ שווער־קייט וואָס האָט זיך אָנגעקליבען אויפ'ן האַרצען פאַר דיא לעצטע עטליכע שטונ־דען. ראָזאַליע, אַ בּעגאַסענע מיט טרעה־רען, איז אַרויסגעלאָפען שנעל פון שלאָף־צימער. אליין איז זיא געבליעבען, וויא שווער איהר איז ! דיא ערוואַרטונג פון עפּעס, פון וואָס זיא האָט אליין ניט גע־וואוסט און וואָס איהר פאָטער האָט איהר אָנגעזאָגט אַזוי ניט דייטליך, אַזוי געהיימניספאָל, אַזוי צומישט — דיא פאַרשלייערטקייט פון דער געהיימניס פון דער ליעבע — האָט זיא געמאַטערט.

זיא האָט דערהערט דריי מאָהל אַ לייכטען קלאַפּ אין טיהר. זיא האָט אָנ־געהויבען ציטערן און האָט ניט געענט־פערט. זיא האָט דערהערט וויא דיא טהיר עפענט זיך און זיא האָט בּעהאַל־טען איהר קאָפּ אונטער'ן העקע אַזוי ווי זיא וואָלט מורא האָבען פאַר אַ רויבער, וואָס האָט זיך אַריינגע'גנב'עט. ווייכע, שטילע טריט האָבען זיך געהערט צוגע־הענדיג און אימיצער האָט פלוצלינג אַ ריהר געטאָהן איהר בּעט. זיא האָט זיך נערוועז אַ צאַפּעל געטהאָן מיט אַ שטי־לען געשריי פון שרעק און האָט אַרויס־געשטעקט איהר קאָפּ. זשוליאָן איז גע־שטאַנען לעבען איהר און זיין פּנים האָט געשיינט מיט אַ שמייכעל :

— אָ, וויא איהר האָט מיך איבער־

געשראָקען — האָט זיא שטיל ארויס־
גע־ ־דט.
— האָט איהר מיך גאָרניט ערוואַרט?
זיא האָט ניט געענטפערט, ער איז געװעזען נאָך אין זיין חתונה־אנצוג מיט א שיינענדען פּנים פון א גליקליכען מאַן, זיא האָט זיך שרעקליך פארשעהמט, וואָס זיא איז אין בעט ווען דיזער שעהנער געקליידעטער מאַן שטעהט לעבען איהר. זיי האָבען ניט געוואוסט מעהר וואָס צו זאָגען איינער דעם צווייטען, וואָס צו טהאָן, האָבען אפילו ניט געוואגט אָנצוקוקען איינער דעם אנדערן אין דיזער ערנסטער און ענטשיידענע־שטונדע, פון וועלכער עס איז אָבגעהאַנגען דיא אינטימסטע גליקזעליגקייט פון זייער גאַנצען לעבען.

ער האָט אפּנים טומאַנע געפיהלט, וואָס פאר א געפאהר פון אזא קאַמפּף קען ארויסקומען, וואָס פאר א זעלבסט־קאָנטראָל עס פאָדערט זיך פון איהם און וואָס פאר א קינסטליכע איידעלקייט עס איז נויטיג ניט צו פארלעצען איהר בעשיידענהייט. דיא דעליקאַטע געפיהלען פון איהר מיידעלשע, טרוימערישע נשמה. גאַנץ איידעל האָט ער אָנגענומען דאַן איהר האַנד און קניענדיג לעבען איהר בעט האָט ער געמורמעלט אזוי וויא בלויז זיין אָטהעם וואָלט ריידען:

— וועט איהר מיך ניט ליעבען?

עטוואָס בערוהיגט האָט זיא איהר הויב געטאהן איהר קאָפּ פון צווישען דיא זיידענע שפּיצען פון איהר צוקאָפּען־קישעלע און האָט געשמייכעלט.

— איך ליעב דאָך אייך שוין איצט מיין פריינד.

וועט איהר מיר איבערצייגען, אז איהר ליעבט מיך? — האָט ער איידעל געפרעגט אריינגעהמענדיג דיא שפּיצען פון איהרע פינגער צווישען זיינע ליפּען.

זיא איז וויעדער אונרוהיג געוואָרען, ניט פערשטעהענדיג אליין וואָרום, און ניט וויסענדיג אליין דיא בעדייטונג פון איהרע ווערטער האָט זיא געענטפערט:

— איך בין דאָך אייערע, מיין פריינד.

ער האָט בעדעקט איהר האַנד מיט ווארעמע קושען און אויפהויבענדיג זיך לאַנגזאַם האָט ער געוואָלט קושען איהר געזיכט, וועלכע זיא האָט אָנגעהויבען בעהאַלטען ווידער.

פּלוצלינג האָט ער א ציה געטהאָן זיין האַנד ארומכאַפּענדיג זיא איבער'ן רעקע און אונטערלייגענדיג זיין אנדער האַנד אונטער צוקאָפּען־קישען, וועלכע ער האָט אויפגעהויבען לייכט מיט איהר קאָפּ און האָט זיא זאַנפט א פרעג געטהאָן:

—— וועט איהר מאַכען אביסעל פּלאַטץ פאר מיר לעבען זיך?

אַן אינסטינקטיווער שרעק האָט איהר אָנגעכאַפּט און זיא האָט אָנגעהויבען שטאַמלען:

— אָ, ניין נאָך, ניט איצט, איך בעט אייך.

ער האָט אויסגעזעהען אונצופריעדען, ענטוישט, פערדריסליך און האָט א זאָג געטאָהן עטוואָס גראָבליך.

— פאר וואָס עפּעס שפּעטער, ווען דאָס מוז געשעהען?

זיא איז געוואָרען בייז אויף איהם פאר ריידען אזוי: אָבער זיא האָט זיך צוריקגעהאַלטען און האָט אונטערטעניגליך וויעדערהאָלט א צווייטען מאָל:

— איך בין אייערע, מיין פריינד.

דאַן איז ער פּלוצלונג פארשוואונדען איז אוועק אין קליידונגס־צימער און זיא האָט געהערט זיינע בעוועגונגען, דאָס שאָרכען פון זיינע קליידער, וועלכע ער טהוט אויס, דעם קלאַנג פון געלד אין די קעשינעס, וויא עס פאַלען אראָב דיא שיך אויף דער ערד, און פּלוצלונג אין זיינע אונטער־וועש אין סקאָרפּעטקעס איז ער גיך אריבערגעגאַנגען איבער'ן צימער און אוועקגעלייגט זיין זייגערל. זשאַנע האָט זיך אומגעקעהרט שנעל

אויף דעם אנדער זייט און האָט פערמאַכט דיא אויגען.

ווען זיא האָט דערפיהלט, אז ער איז צוגעקומען, האָט זיא זיך א צאַפּעל געטהאָן האַסטיק, אזוי וויא זיא וואָלט געוואָלט אראָבוואַרפען זיך אויף דער ערד. אָבער דאָ האָט זיך שנעל א גליטש געטהאָן געגען איהר פוס אן אנדער פוס, קאַלט און ווייך. א צוטומעלטע, פארטיג צו שרייען פון שרעק, האָט זיא זיך אָבגערוקט צום הינטערגרונד פון בעט.

דאן האָט ער זיא איינגעשליסען אין זיינע אָרעמס, הגם זיא האָט זיך אומגעקעהרט מיט'ן רוקען צו איהם, און ער האָט פייעריג געקוסט איהר נאַקען, דיא האַפּט־שפּיצען פון איהר נאַכט־הויב און דעם אויסגענעהטען קראַגען פון איהר נאַכט־העמד. זיא איז געבליעבען אונבעוועגליך, פאַרגליווערט פון שרעק, פיהלענדיג וויא זיין שטאַרקע האַנד זוכט איהר בוזים, וואָס איז בעהאַלטען צווישען איהרע עלענבויגענס.

זיא האָט געזאַפּעט נאָך לופט, איבערראַשט פון זיין ברוטאַלע בעריהרונג; און איצט מעהר אלס ווען עס איז האָט זיא געפיהלט וויא צו אנטלויפען. דורכלויפען דאָס גאַנצע הויז און בעהאַלטען זיך ערגעץ, ווייט ערגעץ בעהאַלטען זיך פון דיעזען מענשען. ער איז אָבער ניט געווען מעהר צודרינגליך זיא האָט געפיהלט אויף איהר רוקען זיין וואַרעמקייט.

איהר שרעק האָט זיך וויעדער איינגעשטילט און זיא האָט פּלוצלונג א טראַכט געטהאָן, אז זיא וואָלט בלויז געדאַרפט אומקעהרען זיך און אַרומנעהמען איהם. ער איז אָבער ענדליך געוואָרען אונגעדולדיג און האָט מיט א פערדריסליכער שטימע א זאָג געטהאָן:

— הייסט דאָס, אז איהר ווילט ניט זיין מיין ווייבעלע?

— בין איך דאָס דען איצט ניט? — האָט זיא ציטערענדיג געמורמעלט צווישען דיא פינגער פון איהר האַנד.

— ניין, מיין טהייערסטע — האָט ער מיט א שטעכיגען שפּאַס געענטפערט — הערט אויף, קומט, הערט אויף צו רייצען זיך מיט מיר.

זיא איז געווען געריהרט פון דעם וואָס עס הערט זיך אזא אונצופריעדענהייט אין זיין שטימע און זיא האָט זיך א קעהר געטהאָן מיט'ן פּנים צו איהם. זיין פערצייהונג בעטען האָט זיא געוואָלט. ער האָט זיא וואַהנזיניג א כאַפּ געטהאָן אין זיינע אָרעמס, אזוי ווי צו שטילען זיין הונגער מיט איהר, און ער האָט בעדעקט מיט שנעלע, בייסענדע, משוגענע קוסען איהר גאַנצען פּנים און איהר האַלז, שטיקענדיג זיא מיט זיינע אומאַרמונגען. זיא האָט צועפּענט איהרע הענד און איז געבליעבען אָבגעלאָזען אונטער זיינע אנשטרייגונגען. ניט וויסענדיג וואָס זיא טהוט אָדער וואָס ער טהוט. איהר צומישטקייט האָט איהר ניט געלאָזען פערשטעהן וואָס מיט איהר האָט פּאַסירט.

אָבער זיא האָט דערפיהלט פּלוצלונג א שאַרפען, שניידענדען ווייטאָג און זיא האָט אָנגעהויבען צו קרעכצען, זייענדיג געדריקט און געקניטשט אין זיינע אָרעמס אין דער צייט וואָס זיא איז געוואָרען אין גאַנצען זיינע.

וואָס האָט דאַן פּאַסירט? זיא האָט זעהר ווייניג דערפון געקענט געדענקען, ווארום זיא האָט דעם קאָפּ פערלאָרען; איהר האָט זיך געדוכט, אז ער האָט בעשאָטען איהרע ליפּען מיט א שטורעם פון קליינע, דאַנקבאַרע קוסען. און דאן האָט ער צו איהר גערעדט און זיא האָט איהם געענטפערט.

דערנאָך האָט ער וויעדער געמאַכט אנשטרענגונגען, געוואָלט בעוועלטיגען זיא, אָבער זיא איז מיט שרעק וויעדערשטאַנען זיינע אנשטרענגונגען; און קעמפּפענדיג האָט זי גפיהלט אויף איהר

בוזעם דיא געדריכטע האָאר, וועלכע זיא האָט שוין געפיהלט פריהער אויף איהר פוס און זיא האָט אָבגעשוידערט פון דער בעריהרונג.

אין אויסגעמאַטערטער ענדליך פון אומזיסט אָנשטרענגען כוחות צו בעד וועלטיגען זיא, איז ער געבליעבען ליעגען אויף זיין רוקען קראַפּטלאָז. דאן ערשט האָט זיא אָנגעהויבען נאָכצודענקען.

— אזוי! איז דאָס וואָס ער רופט זיין ווייב! — האָט זיא זיך אליין געזאָגט, זייענדיג פערצווייפעלט אין דער טיפעניש פון איהר הארצען, ווערענדיג ניכטער פון דיא בעזויפענהייט פון איהרע טרוימען. וויא אנדערש האָט זיא געטרוימט! וויא פערשוואונדען זיינען געוואָרען יענע זיסע ערוואַרטונגען, יענע זיסע האָפנונגען!

און אזוי איז זיא געבליעבען א היבשע ווייַלע טרויסטלאָז; איהרע בליקען האָבען געוואנדערט איבער דיא פיגורען פון דיא טאַפּעטען, איבער דיא געמאָהלטע סצענעס פון ליעבע, איבער דיא בילדער פון אַלטע לעגענדעס פון דער ליעבע, וועלכע האָבען בעפּוצט דיא וואנד פון צימער.

אָבער אזוי וויא זשוליאן האָט מעהר ניט גערעדט, האָט מעהר ניט א ריהר געטהאָן זיך פון פלאַץ, האָט זיא לאַנגזאַם צוגעקעהרט צו איהם איהר פּנים און האָט ערשט דערזעהען, אז ער שלאָפט. ער שלאָפט מיט זיין מויל האַלב געעפענט און מיט א רוהיגען געזיכט. ער שלאָפט! זיא וואָלט דאָס קוים געגלויבט; זיא איז געוועזען עמפּעהרט, אויפגעבראַכט, מעהר געקרענקט פון דיעזען רוהיגען שלאָף זיינעם אלס פון זיינע ברוטאַלע, ווילדע בענעהמונגען.

ער קען שלאָפען אין אזא נאַכט? וואָס צווישען זיי איז פּאַרגעקומען האָט פאַר איהר מעהר קיין בעדייטונג ניט? אָה, זיא וואָלט בעסער אויסגעהאַלטען קלעפּ, זיא וואָלט בעסער געליטען זיין ברוטאַלע האַנדלונג, וואָלט בעסער זיין צוקיילט און צובייַלט פון זיינע ליעבּ־האָבערייען ביז זיא זאָל אפילו אין אונמאַכט בלייבען, איידער אזא בעליידיגונג. — אזוי וויא ווייטער האָט זיא פאַר איהם קיין באַטרעף ניט.

זיא איז געבליעבען רוהיג, אַנגעלעהנט אויף איהר עלענבויגען, אַנגעבויגט איבער איהם, הערענדיג דעם לייכטען אָטהעם, וואָס געהט דורך צווישען זיינע ליפען און וועלכער לאָזט זיך פון ווייַלע צו ווייַלע אויס אלס א כראָפּען.

גרוי האָט זיך געוויעזען דער פריהמאָרגען פון אָנפאַנג, דערנאָך איז קלעהרער געוואָרען, דאן האָט זיך א ראָזע רויטקייט בעגאָסען און באַלד איז געוואָרען ברילאַנט קלאָהרער פריהמאָרגען, זשוליאן האָט אָן עפען געטהאָן זיינע אויגען, האָט זיך אויסגעגעניצט, האָט אויסגעצויגען זיינע הענד, האָט א קוק געטהאָן אויף זיין ווייב, האָט א שמייכעל געטהאָן און געפרעגט:

— ביסט דוא גוט געשלאָפען, מיין טהייערע?

זיא האָט בעמערקט, אז ער בענוצט אזוי איינפאַך דעם וואָרט „דוא" און זיא האָט געענטפערט מיט דעם מעהר פאָרמעלען וואָרט „איהר".

— אָה, יא, און א י ה ר?

— איך? אָ, זעהר גוט.

ער האָט זיך א קעהר געטהאָן צו איהר, האָט זיא א קוש געטהאָן און האָט דערנאָך רוהיג אָנגעהויבען צו רייַדען. ער האָט איצט צו־וויקעלט גאַנצע פּלענער וויא זיי זאָלען ווייטער זיך פיהרען, וויא איינריכטען עקאָנאָמיש זייער לעבען. און דיעזער וואָרט „עקאָנאָמיש" האָט זיא איבערראַשט.

זיא האָט זיך צוגעהערט, ניט פאַרשטעהענדיג אין גאַנצען וואָס ער מיינט מיט זיינע ווערטער „עקאָנאָמיש"; זיא

האָט געקוקט אויף איהם, און געטראַכט האָבען זיך איהר גאַר טויזענדער זאַכען וואָס זיינען ארויפגעשוואומען איהר אויף דיא געדאַנקען.

עס האָט געשלאָגען אַכט.

— קום, עס איז צייט אויפצושטעהן — האָט ער געזאָגט — מען וועט פון אונז לאַכען וואָס מיר זיינען אין בעט אזוי לאַנג.

און ער איז דער ערשטער אויפגעשטאַנען. ווען ער איז אליין געווען פערטיג מיט'ן אָנציהען זיך, האָט ער געהאָלפען איהר צורעכט צו מאַכען אַלע קליינינגקייטען פון איהר טואַלעטע, ניט ערלויבענדיג, אז ראָזאַליע זאָל אריינקומען טאָהן דיעזע ארבייט.

ווען זיי זיינען ארויס האָט ער זיא אָבגעשטעלט אין מיטען.

— דוא ווייסט — האָט ער געזאָגט — מיר מעגען איצט רופען איינער דעם צווייטען דוא, דאָס איז ווען מיר זיינען אליין. אָבער פאר דיינע עלטערן איז בעסער מיר זאָלען נאָך דערווייל זאָגען „איהר". ווען מיר וועלען קומען צוריק פון אונזער האָכצייטס־רייזע וועט דאָס זיין פּאַסיגער, נאַטירליכער.

זיא איז ניט ערשיענען ביז וואַנען עס איז ניט געווען די פריהשטיק שטונדע, און דער טאָג איז אריבער אזוי געוועהנליך אזוי וויא קיין זאַך וואָלט ניט פּאַסירט. עס איז מעהר ניט געווען מיט איין מענשען מעהר אין הויז.

# קארסיקא און נייעס לעבען

פיער טעג שפּעטער איז דיא קאַרעטע אָנגעקומען, וועלכע האָט זיי געדאַרפט נעהמען קיין קארסיקא. נאָך די שמערצען פון דער ערשטער נאַכט איז זשאַנע צוגעוואָהנט געוואָרען צו דער בעריהרונג פון זשוליאַן, צו זיינע קוסען, צו זיינע צערטליכקייטען, הגם איהר דערווידערליכקייט געגען זיינע מעהר אינטימע בעציהונגען איז ניט קלענער געוואָרען. זיא האָט איהם געהאַלטען פאַר זעהר שעהן, זיא האָט איהם געליעבט; און ווידער האָט זיא זיך געפיהלט מונטער און גליקליך.

דער אָבשיעד איז געווען קורץ און אָהן פּערדרוס. דיא באַראָנין אליין האָט נור אויסגעזעהען אָנגעגריפען; און ווען דיא קאַרעטע האָט געדאַרפט אָבפאָהרען, האָט זיא אין איהר טאָכטערס האַנד אריינגערוקט א בייטעל, שווער אזוי וויא בליי:

— דאָס איז פאַר דיינע קליינע הוצאות אַלס א יונגע ווייבעל — האָט זיא געזאָגט.

זשאַנע האָט עס אריינגעלעגט אין טאַש צו זיך, און דיא פערד האָבען אַוועקגאַלאָפּירט.

— וויעפיעל האָט דיר דיא מוטער געגעבען דאָרט אין בייטעל? — האָט ער זיא א פרעג געטהאָן פארנאַכט.

זיא האָט פריהער וועגען דעם גאַר ניט געטראַכט, אָבער איצט האָט זיא אויסגעליידיגט דיא בייטעל אין שויס. א גאַנצער שטראָם מיט גאָלד, צוויי טויזענד פראַנק איז דאָרט געווען. זיא האָט א פּאַטש געטהאָן מיט דיא הענד.

— איך וועל דערמיט טהאָן אַלערליי נאַרישקייטען — האָט זיא געזאָגט צונויפנעהמענדיג דאָס געלד.

נאָך א וואָך רייזע אין שרעקליכע היץ זיינען זיי אָנגעקומען קיין מאַרסייל. א טאָג שפּעטער האָט זיי דער קליינער שיף „ראָא־דואַי", וועלכער איז געגאַנגען קיין נעאַפּעל, דורכפאָהרענדיג אַזשאַציאָ, זיי גענומען קיין קאַרסיקאַ.

קארסיקא! דיא באַנדיטען! דיא בערג! דאָס געבורטס־פּלאַץ פון נאַפּאַ־

לעאן! עס האט זיך ניט געגלויבט זשא־
נען, אז דאס איז א ווירקליכקייט, אז
זיא איז דאס אריין וואכעדיגערהייט אין
א חלום. זיצענדיג זייט ביי זייט אויפ'ן
דעק פון שיף האבען זיי נאכגעקוקט וויא
דיא פעלזען פון פראוואנס גליטשען זיך
פערביי. דער אונבעוועגליכער ים פון
טיעפען אזשור־קאליר האט זיך אויסגע־
שפרייט ווייט אונטער דעם אונענדליכען
הימעל פון א העלער בלויקייט.

— געדענקסטו אונזער רייזע אין
פאטער לאסטיקס שיף? — האט זיא
איהם דערמאנט.

אנשטאט אן ענטפער האט ער
איהר א שנעלען קוס געטהאן אויפ'ן
אויער.

דיא רודערס האבען געפאטשט
דאס וואסער, צושטערענדיג זייער שווע־
רען דרעמעל, און פון הינטען האט זיך
אין א לאנגען שוימיגען סליאד געצוי־
גען א שאקלענדער וועג, וואו דאס וואַ־
סער האט אין א צומישענעם געברויזט
אזוי וויא שאמפאניער.

פלוצלונג האט ביים שפיץ פון שיף,
נור א קליין שטרעקע וועיטער, ארויסגע־
שפרונגען פון וואסער אן אונגעהייערער
פיש, האט זיך אריינגעקוליעט צוריק
מיט'ן קאפ אראב און איז פערשוואונ־
דען. זשאנע, אביסעל דערשראקען, האט
א געשריי געטהאן און איז צוגעפאלען
צו זשוליאנס ברוסט. דערנאך האט זיא
אנגעהויבען אליין צו לאכען פון איהר
שרעק און נאכגעקוקט אויפמערקזאם צו
זעהען, אויב דיא פיש וועט ווידער
ניט ערשיינען. אין אייניגע סעקונדען
ארום איז דיא פיש ווידער ארויסגע־
שפרונגען אזוי וויא א גרויסע מעכאני־
שע שפיעלצייג. דערנאך איז זיא אריינ־
געפאלען און ווידער ארויסגעשפרונ־
גען; באלד זיינען שוין דארט געווען
צוויי, דערנאך דריי, דערנאך זעקס,
וועלכע האבען, וויא עס האט געשיינט,
ארומגעדרעהט זיך ארום דעם שווערען
שיף אזוי וויא זיי וואלטען בעגלייט
זייער אונגעהייער גרויסען ברודער, דיא
הילצערנע פיש פון דיא אייזערנע שו־
פען. זיי זיינען פערבייגעשוואומען ביי
דער לינקער זייט, האבען זיך אומגע־
קעהרט צו דער רעכטער זייט פון שיף,
דאס אלע צוזאמען, דאס איינע נאך דיא
אנדערע, אזוי וויא אין א שפיעל, אזוי
וויא אין פרעהליכען נאכיאגען זיך; זיי
האבען זיך געווארפען אין דער לופטען
מיט אזעלכע שפרונגען, וויא מאכענדיג
א קרייז, און דאן האבען זיי זיך צוריק
אונטערגעטונקט איינע נאך די אנדערע.

זשאנע האט געפאטשט מיט דיא
הענד, און געשפרונגען פון פערגעניגען.
האט זיך געקוויקט מיט יעדער אויפטוי־
כען פון דיזע אונגעהייערע און בייגזא־
מע שווימער. איהר הארץ איז געשפרונ־
גען מיט זיי אין א וואהנזיניגען, קינ־
דערשען פערגעניגען. פלוצלונג זיינען
זיי פערשוואונדען. איין מאל, צוויי מאל
האבען זיי זיך געוויזען ווייט אוועק צום
אפענעם ים; דערנאך אויס, און זשאנע
האט אייניגע סעקונדען פערדראסען,
וואס זיי זיינען אוועק.

אבענד איז אנגעקומען. א רוהי־
גער, בריליאנטענער אבענד, קיין טרוי־
סעל אין לופט אדער אויפ'ן וואסער און
דאס אונבעגרענצטע רוהיגקייט פון ים
און פון הימעל האט זיך פערשפרייט
אויך אויף דיא מידע הערצער וואו עס
איז אויך קיין ציטער ניט געווען.

דיא גרויסע זונן איז ווייך געזונ־
קען אונטערן האריזאנט, אין'ם זייט פון
דער אונזעהבארער אפריקא; אפריקא,
דאס ברענענדע לאנד, וועמעס ריחות
זיי האבען שוין דוכט זיך געפיהלט.
אבער א מין קיהלע גלעטונג, וואס איז
שוין ניט געווען פון קיין ווינטעל, האט
לייכט בעריהרט זייערע געזיכטער, דען
די שיינענדע קויל איז פערשוואונדען.

זיי האבען ניט געפיהלט וויא צו זו־
כען זייער קאיוטע, וואו עס האבען זיך

געלאָזט הערען אַלע פּאַסקודנע ריחות פון אַ לאַדונגס־שיף; זיי האָבען זיך ביידע דאָרום אויסגעצויגען אויפ'ן דעק איינע לעבען צווייטען, איינגעוויקעלט אין זייערע מאַנטלען.

זשוליאַן איז גלייך איינגעשלאָפען, אָבער זשאַנע איז געבליעבען מיט אָפענע אויגען, אויפגערעגט פון דאָס אונבעוואוסטע מיט וואָס עס איז פערבונדען אַ רייזע. דער איינטעניגער קלאַנג פון דיא רעדער האָט זיא געוויגט און זיא האָט געקוקט איבער זיך אויף דיא חילות מיט שטערן, אַזוי פינקלענדיג מיט אַ שאַרפע ליכטיגקייט דורך דעם לייכטען טהוי אין'ם ריינעם הימעל פון זידען.

פאַרטאָג פון דעסטוועגען האָט זיא איינגעדרעמעלט. רויש און שטימען האָבען זיא אויפגעוועקט. דיא מאַטראָזען מיט זייערע ליעדער האָבען געהאַלטען אין אויספּוצען דעם שיף. זיא האָט אַ טרויסעל געטהאָן איהר מאַן און זיי זיינען אויפגעשטאַנען. זיא האָט מיט געשמאַק איינגעצויגען זאַלציגע פרישקייט, וועלכע האָט זיא דורכגענומען ביז דיא שפּיצען פינגער. אומעטום איז געווען ים. פון דעסטוועגען האָט זיך ווייטער פון שפּיץ שיף געוויעזען עטוואָס גרוי, צומישט מיט דעם שטייגענדען אויפגאַנג פון פריה־מאָרגען — אַ מין אָנזאַמלונג פון זאָנדערבאַרע עקיגע, אָבגעריסענע וואָלקענס זיינען אַרומגעשוואָמען איבער דיא כוואַליעס. דערנאָך זיינען זיי אַרויס דייטליכער; די פאָרמען זיינען געווען שאַרפער אויסגעצייכענט אין דעם ליכטיג ווערענדען הימעל. אַ לאַנגע רייהע פון עקיגע, פאַנטאַסטישע בערג האָט זיך ערהויבען. דאָס איז געווען קאָרסיקאַ איינגעהילט אין אַ מין דינעם שלייער.

אַהינטער דעם איז אויפגעגאַנגען די זונן, אויסצייכענענדיג אַלע דורכריסען פון דיא ברעגען פון דיא שוואַרצע שאָטענס; דערנאָך האָבען זיך בעלויכטען אַלע הויכע פּלעצער און דיא איבעריגע טהיילען פון אינזעל זיינען געבליעבען איינגעדעקט אין טומאַן.

דער קאַפּיטאַן, אַ קליינער, אָבגעטריקענטער, פון זונן פאַרברענטער, קורצגעוויקסיגער מאַן, איינגעשרומפּט פון דיא רויע זאַלציגע ווינדען, איז אַרויס אויפ'ן דעק און מיט אַ הייזעריגען קול, פון דרייסיג יאָהר קאָמאַנדעווען, אָבגעניצעוועט פון בעפעהלע אויסגעשריענע אין שטורעם, האָט אַ זאָג געטהאָן צו זשאַנען:

— הערט איהר דעם ריח?

עס האָט זיך ווירקליך געהערט עפּעס אַ בעזונדער ריח פון פלאַנצען און ווילדע קוסטעס.

— דאָס איז קאָרסיקא — האָט ער ווייטער געזאָגט — קאָרסיקא שמעקט בלויז אַזוי, מאַדאַם; דאָס איז איהר בעזונדערער שעהנער פרויען־גערוך נאָך צוואַנציג יאָהר אָבוועזענהייט וואָלט איך דעם ריח דערקענען פון פאַר פינף מיילען ווייט. איך בין פון דאָרט. דער, וועמען איך פאַרגעטער, דאָרט ווייט אויף סט. העלענא, רעדט אויך שטענדיג, זאָגען זיי, וועגען דעם בעזונדער ריח פון זיין היימישן לאַנד. מיר זיינען פון איין פאַמיליע.

און דער קאַפּיטאַן האָט געצויגען זיין הוט און בעגריסט קאָרסיקאַ, בעגריסענדיג אויך אין דערזעלבער צייט אויף יענעם זייט אָקעאַן דעם געפאַנגענעם גרויסען אימפּעראַטאָר, וועלכער איז מיט איהם געווען פון איין משפחה. זשאַנע איז דערפון געווען אַזוי גערירט, אַז זי האָט כמעט געוויינט.

דער מאַטראָז האָט דאַן אויסגעשטרעקט זיין האַנד געגען האָריזאָנט אָנצייגענדיג, זשוליאַן, וועלכער איז געשטאַנען לעבען זיין ווייב, האָט זיא געהאַלטען אַרומגענומען אַרום דער טאַליע, און זיי האָבען ביידע געקוקט ווייט אַהין צו ענטדעקען דעם פּונקט, אויף

וועלכען דער קאַפּיטאַן האָט אַנגעוויזען. וואָס נעהנטער זיי זיינען צוגעקומען צום האַפען, האָט זיך אַלץ מעהר ארומגע־שלאָסען אַ צירקעל פון בערג הינטער דעם שיף, וועלכע האָט זיך שטיל גע־זעגעלט אין דעם אַזשור־בלויען וואַסער אַזוי דורכזיכטיג, אַז מען האָט געקענט זעהען דעם גרונד פלעצער־ווייז. פּלוצ־לונג האָט זיך געוויזען די שטאָדט, אין גאַנצען ווייס ביי'ם ראַנד פון ברעג, ביי'ם פוס פון די בערג.

קליינע איטאַליענישע שיפלעך זיי־נען געווען פעראַנקערט אין האַפען. פּאַ־סאַזשירען זיינען געווען באַשעפטיגט מיט אָפּזוכען זייער געפּעק. זשוליאַן, וועלכער האָט אַכטונג געגעבען ווי מען ברייננט אַראָב זייער באַגאַזש, האָט אַ פרעג געטאָהן שטיל זיין פּרוי:

ועט זיין גענוג צו געבען דעם די־נער צוואַנציג סו?

שוין אַ וואָך, וויא ער האָלט אין איין פרעגען דיעזעלבע פראַגע און יעדען מאָל איז דאָס איהר געוואָרען איבער־דריסיג. זיא האָט געענטפערט אַביסעל אונגעדולדיג:

— ווען אימיצער איז ניט זיכער, אַז ער גיט גענוג, גיט ער צופיעל.

ער האָט נור געהאַט קריעגערייען מיט די דינער פון האָטעל און מיט די פערוואַלטער, מיט די פוהרלייט, מיט אַלערליי הענדלער. פלעגט זיך דינגען, פלעגט זיך ארומרייסען און פלעגט אַראָבדינגען ענדליך עפּעס, און ווען ער פלעגט אַראָבדינגען, פלעגט ער מיט צו־פריעדענהייט אַ ריב טאָהן די הענד:

— איך האָב פיינד צו זיין בע־רויבט.

זיא פלעגט ציטערען ווען מען פלעגט איהר ברייננען אַן אַנווייזונג, אַ רעכנונג צו בעצאָהלען, וויסענדיג פריי־הער די באַמערקונגען, וואָס ער וועט מאַכען וועגען יעדער בעזונדער זאַך; זיא האָט זיך געפיהלט דערביי ער־ניעדריגט, בעליידיגט און פלעגט רויט ווערען ביז די וואָרצלען פון איהרע האָאָר, פיהלענדיג די פעראַכטענדע בליקען פון די דינער, וועלכע פלעגען איהם נאַכקוקען האַלטענדיג די אונבע־דייטענדע מטבע. וואָס ער פלעגט זיי אריינרוקען אין האַנד. ער האָט זיך גע־דונגען אפילו מיט דעם שיפער, וואָס האָט זיי צוגעפיהרט צום ברעג.

דעם ערשטען בוים, וואָס זיא האָט דערזעהען, איז געווען אַ פּאַלמע. זיי האָבען פאַרקעהרט אין אַ גרויסען פוס־טען האָטעל אויף דעם ווינקעל פון אַ גרויסען סקוועער; זיי האָבען דאָרט פריהשטיק געגעסען. נאָך'ן עסען, ווען זשאַנע האָט זיך אויפגעהויבען צו מאַ־כען אַ שפּאַציער דורכ'ן שטאָדט, האָט זשוליאַן נעהמענדיג זי אונטער'ן אָרעם איינגעראָמט איהר אַ סוד אין אויער:

— וויא למשל ווען מיר זאָלען זיך צוליינגען אַ ווייליגקע, ליעבסטע?

זיא איז איבערראַשט געוואָרען:

— געהן שלאָפען? אָבער איך בין דאָך גאָר ניט מיעד.

ער האָט זיא ארומגענומען:

— איך דאַרף דיך, פערשטעהסט דוא? עס איז שוין דאָך צוויי טעג!...

זיא איז געוואָרען רויט, פאַרשעהמט און האָט געשטאַמעלט:

— איצט? וואָס וועלען מענשען דיינקען? וויא קענסטו בעטען אַ שלאָף־צימער אין מיטען העלען טאָג? אַ, זשו־ליאַן, איך בעט דיך...

אָבער ער האָט זיא איבערגעשלאָגען:

— וואָס געהט דאָס מיך אַן, וואָס די מענשען פון האָטעל וועלען דיינקען! דוא וועסט זעהען, אַז מיך קימערט דאָס גאַנץ וועניג.

און ער האָט אַ קלונג געטאָהן נאָך אַ דינער. זיא האָט מעהר קיין וואָרט ניט גערעדט, האָט אַראָבגעלאָזען די אויגען; איהר נשמה איז געווען אויפגע־בראַכט און איהר לייב האָט ניט גע־

קענט פארטראָגען דיזע אונאויפהערלי־
כע לוסט פון איהר מאן ; זיא האָט
איהם נעפאָלגט תמיד מיט אבשיי, ניט
פראָטעסטירענדיג אָבער פיהלענדיג ער־
ניעדריגט, זעהענדיג דעריין עפּעס טהי־
רישעס, בעליידיגענדעס, קורץ א צולאַ־
זענקייט. איהר זינליכקייט איז נאָך ניט
געווען אויפגעוואכט און איהר מאן האָט
זיא בעהאַנדעלט אַזוי וויא זיא וואָלט
טהיילען זיין ליידענשאַפט.

ווען דער האָטעל־דינער איז אריינ־
געקומען, האָט זשוליאַן איהם געבעטען
אָנווייזען זיי זייער צימער. דער דינער,
א ריכטיגער קארסיקאַנער, האַאריג ביז
דיא אויגען, האָט ניט פערשטאַנען און
האָט געענטפערט, אז דער צימער וועט
צוגעפּאַרטיגט ווערען אויף ביינאַכט.
זשוליאַן איז געוואָרען אונגעדולדיג און
האָט א געשריי געטאָהן .

— ניין, גלייך, שוין ! מיר זיינען
מיעד פון דער רייזע און מיר ווילען רו־
הען.

דער דינער האָט א שמייכעל גע־
טהאָן זיך אין באָרד און זשאַנע האָט גע־
פיהלט אַזוי וויא צו אַנטלויפען ערגעץ.
ווען זיי זיינען, א שטונדע שפּעטער
אראָבגעקומען צוריק פון זייער צימער,
האָט זיא ניט געוואַגט פערבייצוגעהן
פערביי דיא מענשען, וועלכע זיא האָט
באַגעגענט, זייענדיג זיכער, אז זיי ווע־
לען לאַכען און איבערשעפּצען זיך הינ־
טער איהר. זיא איז אין הארצען געווען
בייז אויף זשוליאַן פאר וואָס ער פאר־
שטעהט ניט, פאר וואָס איהם פעהלט
עטוואָס בעשיידענהייט, דיא נאַטירלי־
כע איידעלקייט ; און זיא האָט געפיהלט
א צוים צווישען זיי ביידען, בעגרייפענ־
דיג איצט צום ערשטען מאָל, אז צוויי
מענשען קענען קיין מאָל ניט אריינ־
דרינגען איינער אין'ם אנדערנס זעעלע,
און אז זייענדיג פערבונדען צייטענווייז
אָבער ניט צונויפגעמישט וועט דאָך דיא
מאָראַלישע נאַטור און דיא אינדיווידו־
אַליטעט פון יעדען פון אונז פערבלייבען
אויף אייביג אַליין דעם גאַנצען לעבען.

זיי האָבען זיך גענומען אָרדאַנזשי־
רען זייער ארומפאָהרען. אום ניט צו
האָבען בעזונדערע שוועריקייטען, אויף'ן
וועג, האָבען זיי בעשלאָסען צו דינגען
פערד פאר זיך אַליין. זיי האָבען געדונ־
גען א פּאָאר גוטע קארסיקאַנער פערד
מיט אונרוהיגע אויגען, מאָגערע, ניט
מיעד ווערענדע, און אין איין פריה־
מאָרגען זיינען זיי אוועקגעריטען. א
פיהרער, וועלכער איז געפאָהרען רייטענ־
דיג אויף א מויל־עזעל, האָט זיי בעגלייט
און האָט געפיהרט פאר זיי פּראָוויאַנט;
ווארום קיין אכסניות קען מען ניט גע־
פינען אין יענעם ווילדען געגענד.

דער וועג האָט זיך געצויגען פון פון
אנפאַנג ביי'ם ברעג, איז דערנאָך אריין
אין א פלאכען טהאָל אין דער ריכטונג
פון דיא בערג־שפּיצען. אָפט פלעגען זיי
דורכקרייצען פלוסען, וועלכע זיינען
שוין כמעט טרוקען געווען ; א שטראָם
פלעגט זיך נור וויזען, פליסענדיג צווי־
שען דיא שטיינער, אַזוי וויא א שלייג־
געלדיגע חיה, און האָט גערוישט גאַנץ
איינגעהאַלטען.

דאָס ניט קולטיווירטע לאַנד האָט
אויסגעזעהען נאַקעט, דיא זייטען פון
דיא בערג נור זיינען געווען באדעקט
מיט הויכען גראָז, געל פון דעם הייסען
סעזאָן. צייטענווייז פלעגט זיך זיי באַ־
געגענען א בערג־איינוואָהנער, געהענדיג
צופוסען אָדער רייטענדיג אויף א קליי־
נעם פערדעל, אָדער אן עזעל וואָס איז
ניט העכער פון א הונד. אַלע האָבען גע־
טראָגען א געלאָדענעם ביקס אויף'ן
פּלייצע — אַלטע פּעררּאָסטעטע געוועהר,
אָבער פירכטערליך אין זייערע הענד.

א שאַרפער בשמים־ריח פון שמע־
קענדע געווירץ־פּלאַנצען מיט וועלכע
דער אינזעל איז געווען באדעקט האָט
געדיכט געמאַכט דיא לופט ; און דער
וועג האָט זיך געצויגען איידעל אַראָב־

צו צווישען דיא לאנגע פּאַלאַצען פון די בערג. דיא שפּיצען פון ראַזע און בלויע גראַניט האָט צוגעגעבען דעם לאַנדשאַפט דאָס אויסזעהען פון א צוי־בער־לאַנד. איבער דיא נידריגע פּלע־צער האָבען דיא וועלדער פון קאַסטאַ־ניען־בוימער אויסגעזעהען אזוי וויא גרי־נע קוסטעס.

דער בעגלייטער פלעגט פון צייט צו צייט אָנווייזען אויף א משופּע'דיגע הויכקייט און אָנרופען א נאָמען. זשאַ־נע און זשוליאַן פלעגען קוקען, גאָר נישט זעהען, דערנאָך ענטדעקען ענד־ליך עטוואָס גרויעס, אזוי וויא א מאַ־סע פון שטיקער פעלזען אראָפּגעפאַלענע פון דער הויך. דאָס איז געוועזען א שטעד־טעל, א דאָרף, הייגנענדיג אזוי וויא א פויגעל־נעסט, כמעט גאָר ניט קענטיג געגען דעם אונגעהייערען בארג.

דיעזע לאַנגע נסיעה, וועלכע האָט זיך געצויגען לאַנגזאַם האָט מיעד גע־מאַכט זשאַנען.

— לאָמיר א יאָג טהאָן זיך א ווײַלע

— האָט זיא געזאָגט און זיא האָט א טרייב געטהאָן איהר פערד.

ניט הערענדיג איהר מאַן גאַלאָפּי־רען לעבען איהר, האָט זיא זיך א קעהר געטהאָן אויף צוריק און האָט זיך הארציג צולאַכט, זעהענדיג וויא ער האַלט זיך פעסט פאַר דעם פערדס גריווע, בלייך, צושראָקען און זיין שעהנער פּנים, וועל־כער איז אזוי פּאַסיג פאַר א „גאַלאַנטען קאַוואַליער" האָט צוגעגעבען נאָך מעהר לעכערליכקייט צו זיין געקרימטער פּאַ־זע און דערשראָקענע אויגען. זיי האָ־בען דאן אָנגעהויבען רייטען לאַנגזאַם, טריט ביי טריט.

זיי זיינען געווען דורשטיג, דער בעגלייטער האָט זיי צוגעפיהרט צו איי־נער פון דיא פּרעכטיגע קרעניצעס, וועל־כע מען טרעפט אזוי אָפט אין דיא בערגיגע לענדער; א שמאָלינקער שטראָם וואסער האָט זיך געצויגען פון א פעל־זען־לאָך און געפליעסט אין א דינעם קאַנאַל אויסגעבילדעט פון קאַסטאַניען־בלעטער, וואָס א פערבייגעהער האָט ארומגעלעגט אום צוצופיהרען דעם שטראָם צום מויל.

זשאַנע האָט זיך געפיהלט אזוי גליקליך, אז זיא האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען פון א געשריי צו טהאָן פון שמחה. זיי זיינען דערנאָך אוועקגערי־טען ווייטער רונד ארום דעם ראַנד פון סאַגאָן.

פאַרנאַכט זיינען זיי דורכגעגאַנגען דיא גריעכישע שטעדטעל קאַרזשעס וועלכע איז לאַנג געגרינדעט געוואָרע־ אין דיא אַמאָליגע צייטען פון א קאָלאָ־ניע אויסוואַנדערער, וואָס זיינען ארויס־געטריעבען געוואָרען פון זייער היימיש לאַנד, הויכע ליעבליכע מיידלעך זיינען געשטאַנען מיט א בעזונדערען חן אין א גרופּע ארום א פאָנטאַן. אויף זשוליאַנס „גוטען אבענד" האָבען זיי געענטפערט מיט מוזיקאַלישע שטימען אין דער האַר־מאָנישער שפּראַך פון זייער אוועקגע־וואָרפענע היים.

אָנקומענדיג קיין פּיאַנאַ האָבען זיי געמוזט בעטען הכנסת־אורח'עס אזוי ווי אין דיא אַלטע צייטען אין פערוואָרפע־נע געגענדען. א ציטער פון פערגעניגען איז דורכגעלאָפען זשאַנען ווען זיא האָט געוואַרט הינטער'ן טהיר, אין וועלכע זשוליאַן האָט אַנגעקלאַפּט, מען זאָל עפענען. אָ, דאָס איז ווירקליך געהייסען געוואַנדערט! מיט אַלע גיפט־פאַראויס־געזעהענע פּאַסירונגען אויף פערלאָזענע, ניט קולטיווירטע וועגען. זיי האָבען גע־בעטען גאַסט־פריינדשאַפט פון דיא יונ־גע איינוואָהנער און זיינען אויפגענומען געוואָרען מיט אַלע קלעפּערלעך פון הכנסות־אורח'עס, וויא א פּאַטריאַרך וואָלט אויפנעהמען אורחים, וועלכע גאָט האָט איהם צוגעשיקט. זיי זיינען געשלאָפען אויף א שטרויענעם מאַט־ראַץ אין אן אַלטע חורבה, וואו דיא

ווענד זיינען געוועזן לעבערדיג, דורכגעלעכערט פון ווערים, וואס נעהרען זיך מיט האלץ. עס האט אויסגעזעהען אזוי וויא דיא ווענד וואלטען לעבען, אטהעמען און גרילצען.

וויא נור דיא זונן איז אויפגעגאנגען זיינען זיי שוין געווען ווייטער אויף דיא פערד. זיי האבען זיך אבער באלד אבגעשטעלט. בעפאר זייערע אויגען איז געווען א וואלד, אן אמת'ער וואלד פון פורפור רויטען גראניט. ער איז בעשטאנען פון שפיצען, זיילען, ארקען, טויערן, פון איבערראשענדע פארמען, וועלכע דיא צייט אליין האט אויסגעקינצעלט, וועלכע דער ווינד און דיא ים־פייכטיגקייט האט אויסגעבילדעט.

דאס איז געווען א וואלד מיט פעלזען דריי הונדערט מעטער דיא הויך, גלייכע איידעלע, רונדע, געבויגענע, געדרעהטע, געטאקטע, געקרימטע, משונהדיגע, אונערווארטעט זאנדערבארע, פאנטאסטישע, וועלכע האבען אויסגעזעהען אקוראט אזוי וויא ביימער, פלאנצען, ברואים, מצבות, מענשען, פערקליידעטע אבעזיאנעס, שדים מיט הערנער, אונגעהייערע פויגלען — א זאמלונג פון משונה'דיגע זאכען, א צויבערטרוימערישער זאאלאגישער גארטען, פארקנעכערט און פארשטיינערט לויט דעם פערלאנג פון א קאפריזנעם גאט. זשאנע האט מעהר קיין לשון ניט געהאט; איהר הארץ איז געווען פארדריקט; זיא האט אנגענומען זשוליאן'ס האנד, האט זיא געדריקט שטארק, זייענדיג איבערוועלטיגט פון דעם פערלאנג צו ליעבען אויס בעגייסטערונג פאר נאטורס שעהנהייט.

און פלוצלונג האבען זיי ענטדעקט, וויא ערהויבענדיג זיך פון דיעזער צומישענעס, ציהט זיך א נייער ברעג, ארומגעפלאכטען אין גאנצען מיט א בלוט־קאליריטע ווענד פון רויטען גראניט. דיעזע בלוט־רויטע פעלזען האבען זיך אבגעשפיגעלט אין'ם בלויען וואסער.

— א זשוליאן! — האט זשאנע אנגעהויבען צו שטאמלען, ניט זייענדיג אים שטאנד צו געפינען אנדערע ווערטער און זייענדיג צונומען מיט דיעזער פערגעטערונג; איהר האלז איז פערשטיקט געווארען, צוויי טרעהרען האבען זיך אראבגעקייקעלט פון איהרע אויגען.

ער האט זיא אנגעקוקט:

— וואס האט פאסירט, קינדעלע?

זיא האט אבגעווישט איהרע באקען, א שמייכעל האט א שפיעל געטהאן אויף איהר פנים:

— גארנישט, גארנישט — האט זיא געזאגט מיט א ציטערענדער שטימע — איך בין נערוועז... איך ווייס ניט... איך בין גערירהרט. איך בין אזוי גליקליך, אז דיא קלענסטע זאך צונעהמט מיר מיין הארץ.

ער האט ניט פערשטאנען דיעזע ווייבליכע שוואכקייט, דיא צוטרייסלונג פון דיעזע צוריהרטע וועזענס, וועלכע ווערען צוטומעלט פון א קלייניגקייט, וועמען בעגייסטערונג באוועגט אזוי ווי א גרויסע פאסירונג, וויא א קאטאסטראפע, וועמען א געפיהל, אן עמפפינדונג וועט מאכען א גאנצע איבערקעהרעניש, אז זיי ווערען וואהנזיניג פון שמחה אדער פערטרונקען אין פערצווייפלונג. דיעזע טרעהרען האבען איהם אויסגעזעהען לעכערליך. ער איז געווען אין גאנצען פארנומען מיט דיא סכנות פון'ם וועג.

— דוא מוזט אכטונג געבען גוט אויף דיין פערד.

זיי איז אויסגעקומען אראבצורייטען אויף א שטעגעלע, וועלכע איז ניט דורכצוגעהן, דורך דארט צום גרונד פון ברעג, דאן פארקירעווען צו רעכטס און קלעטערען דעם טהאל פון אטא. אבער דער וועג איז געווען שרעקליך. זשוליאן האט פארגעשלאגען צו פרופען

געהען צו פוס, זיא איז דערפון געווען זעהר גערן, זיא האט זעהר הנאה גע־האט צו געהען און צו זיין אליין מיט איהם נאך דיעזע צונומענהייט וועלכע זיא האט דורכגעפיהרט.

דער בעגלייטער איז אוועק פאר־אויס מיט זיין עזעל און מיט זייערע צוויי פערד און זיי זיינען נאכגעגאנגען לאנגזאם. דער בארג איז געווען צו־עפענט, צושפאלטען פון אויבען ביז אונטען. דער שמאלער וועג איז געווען צווישען ד עזע צושפאלטונג, צווישען צוויי מורא'דיגע ווענד און א גרויסער שטראם האט געפליעסט דורך דיעזע ריסען פון דיא בערג פעלזען. דיא לופט איז געווען קאלט; דער גראניט האט אויסגעזעהען שווארץ, און ווייט פון אויבען, איבער זיי, האט מען נור געקענט זעהען דעם וואונדער־בלויען הי־מעל. דאס האט געווירקט, איבערראַ־שענד, ערשטוינענד.

פלוצלונג האט זשאנע דערהערט עפעס א לארעם. זיא האט אויפגעהויב־בען איהרע אויגען: אן אונגעהייער גרויסער פויגעל איז ארויסגעפלויגען פון א לאך; דאס איז געווען אן אדלער. זיינע צועפענטע פליגלען האבען אויס־געזעהען אזוי וויא זיי וואלטען בעריה־רען דיא פעלזען־ווענד פון ביידע זייטען און ער האט א פאכע געטהאן אין דער אזשור־בלויקייט און איז פערשוואונדען.

ווייטער אהין איז זיך דיא צושפאל־טונג צווישען דיא בערג צוגאנגען; דער וועג האט זיך געדרעהט צווישען דיא משונה'דיגע פעלזען־ווענד אין זיגזאגען. זשאנע איז מיט איהרע לייכטע לעב־האפטע טריט געגאנגען פאראויס, מא־כענדיג דיא שטיינדלעך קייקלען זיך אונטער איהרע טריט. ער איז נאכגע־גאנגען נאך איהר, אביסעל אהן אטהעם, קוקענדיג צו דער ערד און מורא האבענ־דיג פעסט א פוס צו שטעלען.

פלוצלונג האט דיא זונן זיי בעגא־סען מיט ליכט; זיי האבען געפיהלט אזוי וויא זיי וואלטען נור־וואס ארויס פון גהינום. זיי זיינען געווען דורשטיג; א דאמפיגער סליאד האט זיי געפיהרט דורך א צומישונג פון פעלזען צו א שמאלינקען קוואל־שטראם, וואס האט ארויסגעפליעסט פון א רעהר, אוועקגע־לייגט כדי צו קענען דארט אנטרינקען דיא ציגען־סטאדעס, א טעפיך פון מאך האט בעדעקט דעם גרונד רונד ארום. זשאנע האט זיך געשטעלט אויף דיא קניע צו טרינקען, און זשוליאן האט נאכ־געטהאן דאסזעלביגע.

בעת זיא האט הנאה געהאט פון די ערפרישענדע קיהלקייט פון'ם וואסער האט ער ארומגענומען איהר טאליע און האט געזוכט אבצוגנב'ענען דעם פלאץ פון ברעג רעהר, וואו זיא האט געטרונ־קען; זיא האט ניט דערלאזען: זייערע ליפען האבען זיך בעגעגענט, בעריהרט און צושיידען. ראנגלענדיג זיך אזוי האט זיך יעדער פון זיי אנגעכאפט אן דעם עק פון רעהר מיט'ן מויל און איינ־געביסען כדי ניט צו לאזען זיך אבשטוי־סען פון'ם צווייטען; דאס האט זיא אנ־געכאפט דעם ברעג, דאס ער. און פון דיעזע ראנגלעריי האט דאס וואסער זיי בעשפריצט, בעגאסען דיא פנים'ער, דיא נאקענס, דיא קליידער, דיא הענד. קליי־נע טראפענס וויא פערעל האבען גע־גלינצערט אין זייערע האאר. און דיא קוסען האבען געפליסט ווי דער שטראם.

זשאנען האט אנגעכאפט א פלוצ־לונגע בעגייסטערונג פון ליעבע, זיא האט אנגענומען א פולע מויל מיט דיא קלאה־רע פליעסיגקייט, און מיט אויסגעפיעל־טע, געשוואלענע באקען וויא א לעדער־פלאש, האט זיא צוגעווינקט זשוליאנען אז זיא וויל איהם געבען טרינקען. ער האט אונטערגעשטעלט זיין מויל, פרעה־לאך פערוואָרפענדיג דעם קאפ אהינטער, מיט צועפענטע ארעמס, און ער האט געטרונקען דעם שטראם פון דיעזען לע־

בעדינגען פליש־פאנטאן, וואס עס האט אין איהם געריצט ווילדע ליידענשאפט. זשאנע האט זיך אנגעלעהנט אויף איהם פול מיט צערטליכקייט; איהר הארץ האט געקלאפט; איהרע אויגען האבען אויסגעזעהען אזוי ווייך, פייכטיג.

זשוליאן — האט זיא געמורמעלט — איך... איך ליעב דיך.

און זיא האט איהם צוגעצויגען צו זיך.

לאנג האט זיי געדויערט צוצוקומען ביז'ן שפיץ פון בארג, זיא איז געווען אהן אטהעם, קראפטלאז, און עס איז שוין געווען אבענד, ווען זיי זיינען געקומען קיין עוויזא און געפונען דאס הויז פון א קרוב פון זייער וועגווייזער, פאאלי פאלאברעטי. דאס איז געווען א מאן פון הויכער פיגור, עטוואס געבויגען, מיט א מרה־שחורה'דיגען אויסזעהען פון א ליידענדען פון אויסצעהרונג. ער האט זיי אבגעפיהרט אין זייער צימער, א דונקעלער צימער מיט נאקעטע שטיינערנע ווענד, אבער שעהן פאר אזא לאנד וואו מען ווייס ניט פון קיין הרחבה. ער האט אויסגעדריקט אין זיין קארסיקאנישע שפראך — א צומישענעם פון איטאליעניש מיט פראנצויז — זיין הנאה אויפצונעהמען אזעלכע געסט.

א קלארע שטימע האט איהם איבערגעשלאגען און א קליינע, דונקעלע פרוי מיט גרויסע, שווארצע אויגען ערווארעמטע פון זונן, מיט א גראדע פיגור און געעפענטע ציינער פון שטענדיגען לאכען, איז אריינגעפאלען, האט אנגעקוסט זשאנען, האט געטרייסלט זשוליאנס האנד, בעגריסענדיג:

— גוטען טאג, מאדאם; גוטען טאג, מיין הערר: וואס מאכט איהר?

זיא האט אראבגענומען איהר הוט, איהר אל, טהוענדיג אלעס מיט איין האנד, ווארום דיא אנדערע האנד איז ביי איהר געווען פערבונדען, דאן האט זיא אלעמען ארויסגעטריעבען, זאגענדיג צו איהר מאן:

— נעהם, געה זיך מיט זיי דורך ביז מיטאג.

הערר פאלאברעטי האט גלייך געפאלגט, האט זיך געשטעלט צווישען די צוויי געסט און האט זיי געפיהרט זעהען דיא שטעדטעל. ער האט געשלעפט זיינע פיס און געשלעפט זיינע ווערטער, הוסטענדיג אפט און וויעדערהאלענדיג יעדע פינף מינוט:

— דאס איז דיא קאלטע לופט פון טהאל, האט דאס אנגעגריפען מיינע לונגען.

ער האט זיי געפיהרט דורך א פארשטעלטען וועג אונטער גרויסע קאסטאניען־ביימער. פלוצלונג האט ער זיך אבגעשטעלט און האט טרויעריג א זאג געטהאן:

— אט דא, אויף דעם פלאץ האט דאס מעטהיו לארי ערמארדעט מיין קוזען זשאן רינאלדי, איך בין דא אליין זשאן; ערשט איך זעה מעטהיו קומט אן אונגעפעהר א צעהן טריט פון אונז:

— „זשאן — האט ער א געשריי געטהאן — געה ניט קיין אלבערטאצצע; געה ניט אהין, זשאן, ווארום איך וועל דיך הרג'ענען, זאג איך דיר". איך האב א נעהם געטהאן זשאנען ביים האנד און זאג איהם: „זשאן, זאג איך, געה ניט אהין, ער וועט דאס טהאן". דאס איז געווען איבער א מיידעל, נאך וועלכער זיי זיינען ביידע נאכגעגאנגען. פאולינא סינאקופי האט מען זיא גערופען. אבער זשאן האט געענטפערט: „איך וועל געהן מעטהיו, און דו קענסט מיר ניט פערוועהרען". מעטהיו האט דאן אנגעשטעלט זיין ביקס איידער איך האב בעוויזען א ציעל צו טהאן זיך מיט מיינעם און ער האט אויסגעשאסען. זשאן האט א הויכען שפרונג געטהאן מיט ביידע פיס, אזוי וויא קינדער ווען זיי דארפען אריעבערשפרינגען א שטריק, יא מיין הערר, אזוי איז ער א שפרונג געטהאן און איז

אַנידערגעפאַלען אויף מיר, אַזוי אַז מיין ביקס איז ארויסגעפאַלען פון מיינע הענד און האָט זיך אָוועקגעקייקעלט ווייט אַט אַזוי ווייט וויא יענער קאַסטיאַניען בוים איז פון אונז, זשאַן האָט צוגעפענט זיין מויל, אָבער קיין וואָרט, ער איז גע־וועזן טוידט.

דאָס יונגע פּאָאַר האָט ערשטוינענד אַנגעקוקט דעם שטילען עדות פון׳ם פּערברעכען.

— און דער מערדער? — האָט זשאַ־נע אַ פרעג געטהאָן.

פּאַאַלי פּאַלאַברעטטי האָט זיך שטאַרק צוהוסט, דאַן האָט ער אויסגע־לאָזען:

— ער איז אַנטלאָפען אין די בערג. אין אַ יאָהר אַרום ערשט האָט איהם מיין ברודער דער׳הרג׳עט, איהר ווייסט, מיין ברודער, פיליפּ פּאַלאַברעטטי, דער באַנדיט.

זשאַנע האָט אַ ציטער געטהאָן:

— אייער ברודער אַ באַנדיט?

— יאַ, מאַדאַם — האָט מיט אַ גדלות פּנים געענטפערט דער קאָרסיקאַ־נער — ער איז געוועזן בעריהמט, ער האָט אָוועקגעלעגט זעקס זשאַנדאַרמען. איהם האָט ערמאָרדעט ניקאָלאַי מאָראַלי, ווען מען האָט זיי ארומגערינגעלט אין ניאָלאָ נאָך אַ זעקס־טעגיגער שלאַכט און ווען זיי זיינען שוין געוועזן אין גאַנצען פאַר־הונגערט אויף טוידט.

ער האָט זיך דערנאָך אָבגעאָטהעמט און שטילער געזאָגט:

— אַזוי געהט דאָס דאָ אין לאַנד.

ער האָט דאָס געזאָגט מיט דעמזעל־בען טאָן וויא ער פלעגט זאָגען: דיא קאַלטע לופט פון טהאָל האָט דאָס אַנ־געגריפען מיינע לונגען.

זיי האָבען זיך אומגעקעהרט צו מי־טאָג און דיא קליינע קאָרסיקאַנער פרוי האָט זיי בעהאַנדעלט אַזוי וויא אַלטע בעקאַנטע, אַזוי וויא זיא וואָלט זיי גע־קענט שוין צייט אַ יאָהר צוואַנציג.

אָבער זשאַנען האָט פערפאַלגט אַן אונרוהיגער געפיהל. וועט זיא ווידער געפינען אין זשוליאַנס אומאַרמונג יע־נעם אימפּעט־ציטער, יענע רייצבאַרקייט וועלכע זיא האָט געפיהלט ביי׳ם קרעני־צע אויף דעם מאָך? ווען זיי זיינען גע־בליעבען אליין אין זייער צימער האָט זיא אָנגעהויבען צו ציטערען; זיא האָט מורא געהאַט, אַז איהרע געפיהלען וועט לען וויי֫טער בלייבען טויב צו זיינע קו־סען. אָבער זיא האָט געמאַכט אַ טעות, דאָס איז געווען דיא ערשטע נאַכט פון איהר ליעבע.

אויף מאָרגען, ווען זיי האָבען גע־דאַרפט אָבפאָהרען פון דאָרט, האָט זיא געפיהלט אַזוי ווי ניט צו פערלאָזען דעם פּלאַץ, דאָס אָרעמע הויז, איז וועלכען עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז אַ נייער גליק האָט זיך אָנגעהויבען אין איהר לעבען. זיא האָט אריינגענומען די קליינע בעל־הבית׳טע צו זיך אין צימער; זיא האָט איהר ערקלעהרט, אַז זיא וועט איהר ניט איינשמועסען אַנצונעהמען פון איהר איצט אַ מתנה; אָבער זיא מוז איהר ערלויבען צוצושיקען איהר פון פּאַריז אַ סאָווועניר; זיא האָט אָבער־גלויביש געגלויבט אין דער נאָטהווענ־דיגקייט דערפון.

דיא יונגע קאָרסיקאַנער פרוי האָט זיך אַ היבשע ווייל געהאַמפּערט געגען דעם; זיא האָט קיין מתנה ניט געוואָלט אַננעהמען. ענדליך אָבער האָט זיא זיך געלאָזט איינריידען:

— נו — זאָגט זיא — אַז אייך ווילט זיך שוין זעהר, שיקט מיר אַ קליינעם רעוואָלווער, נאָר אַ קליינעם.

זשאַנע האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען. דיא קאָריסיקאַנערין האָט איהר איצט איינגעראַמט אַ סוד אַלס דעם טעם, פאַר וואָס זיא דאַרף אַזאַ מתנה. זיא האָט דאָס איהר געזאָגט פּער־טרויענספול, זיסס, וויא מען זאָגט אַן אינטימען פריינד:

— דאָס דאַרף איך דערשיסען מיין שוואָגער.

און שמייכלענדיג מונטער, האָט זיא אויפגעוויקעלט דעם באַנדאַזש פון איהר פערבונדענע האַנד. א רונדען ווייסען אָרעם דורכגעשטאָכען כמעט דורך און דורך מיט א סטילעטאָ. די וואונד איז געווען שוין כמעט פערהיילט, איבער־לאָזענדיג א צייכען.

— ווען איך וואָלט ניט געווען אַזוי שטאַרק וויא ער, וואָלט ער מיך דאַן ער־מאָרדעט. מיין מאַן איז ניט אייפערזיכ־טיג, ער קען מיך. און דערצו איז ער דאָך קראַנק, וויא איהר ווייסט, און דאָס שטילט זיין בלוט. איך בין אַן עהרליכע פרוי, מאַדאַם, אָבער מיין שוואָגער גלויבט אַלעס וואָס אימיצער דערצעהלט איהם. ער איז אייפערזיכטיג פאַר מיין מאַן און ער וועט געוויס נאָך אַמאָל פּרובירען. ווען איך זאָל האָבען א רע־וואָלווער, וואָלט איך געווען רוהיג און זיכער, אַז איך וועל זיך קענען אָברע־בענען.

זשאַנע האָט איהר צוגעזאָגט צו שיקען דיא וואָפען, האָט אַנגעקוקט איהר נייע פריינדין און זיא איז אוועקגעפאָה־רען מיט זשוליאַנען ווייטער. דער ווייַ־טערער וועג איז געווען דורכאויס א טרוים, — אָהן א שיער ליעבשאַפט און פערשיכור'רונג פון קוסען. זיא האָט קיין זאַך ניט געזעהען, קיינע לאַנדשאַפ־טען, קיינע פּלעצער ניט בעמערקט וואו זיי זיינען איינגעשטאַנען. זיא האָט גאָר־נישט געזעהען אויסער איהר זשוליאַן.

ווען זיי זיינען אַנגעקומען קיין באַסטיא, האָט מען געדאַרפט אָבצאָה־לען דעם וועג־וויייזער, זשוליאַן האָט אָנ־געהויבען שאַרען אין זיינע קעשינעס. ניט געפינענדיג דאָרט קיין געלד, האָט ער זיך א ווענד געטהאָן צו זשאַנען:

— וואָ געברויכסט דאָך ניט דיין מוטער'ס צוויי טויזענד פראַנק, גיב זיי מיר; איך וועל זיי האַלטען ביי זיך, זיי וועלען זיין זיכער אין מיין גורט, און דאָס וועט מיך איינהאַלטען פון בייטען שטענדיג אויף קליינגעלד.

זיא האָט איהם אוועקגעגעבען דאָס געלד.

זיי זיינען אַנגעקומען קיין ליוואָר־נאָ. האָבען בעזוכט דערנאָך פלאָרענץ, גענוא און דעם גאַנצען געגענד פון קאָר־ניש, און איין פריה־מאָרגען זיינען זיי אַנגעקומען קיין מאַרסייל צוריק. צוויי מאָנאַטען זיינען פערלאָפען זינט זיי זיי־נען אַרויסגעפאָהרען פון'ם „פּאַפּעל־בוימער" שלאָס. עס איז שוין איצט גע־ווען דער פונפצעהנטער אָקטאָבער. זשאַנע איז געווען מרה־שורה'דיג. דער קאַלטער ווינד, וואָס האָט געבלאָזען פון ווייטע נאָרמאַנדיע, האָט זיא אַנגעגרי־פען. זשוליאַן האָט זיך עפּעס אין דער לעצטער צייט געענדערט, איז געווען עפּעס מיעד, גלייכגילטיג, און זיא האָט עפּעס מורא געהאַט, ניט וויסענדיג אַליין וואָס עס שרעקט זיא.

זיא האָט אָבגעלייגט זייער רייזע אַהיים אויף נאָך פיער טעג, ניט קענענ־דיג בעשליסען זיך אוועקצופאָהרען פון דיעזען זוניגען לאַנד. איהר האָט זיך געדוכט, אַז זיא האָט ערשט דערגרייכט צום הויכען פּונקט פון גליק.

ענדליך זיינען זיי אָבגעפאָהרען. אין פּאַריז האָבען זיי זיך געדאַרפט אָבשטע־לען איינצוקויפען אַלעס נויטיגע פאַר זייער אַנקומען אין זייער „פּאַפּעל־בוי־מער," זשאַנע האָט הנאה געהאַט וואָס זיא וועט קענען איינקויפען פערשיעדע־נעס צו פערדאַנקען איהר מוטערס מתנה. אָבער דיא ערשטע זאַך וואָס זיא האָט געהאַט אין זינען איז געווען דער רע־וואָלווער, וועלכען זיא האָט פערשפּראָ־כען דער יונגער קאָרסיקאַנער פרוי פון עוויזא.

דעם ערשטען טאָג, ווען זיי זיינען אַנגעקומען קיין פּאַריז, האָט זיא גליייך געזאָגט איהר מאַן.

— מיין טהייערסטער, ווילסטו זיין אזוי גוט געבען מיר צוריק מיין מאַמאַ׳ס געלד, ווארום איך וויל איינקויפען עפּעס.

—וויפיעל געלד דארפסטו ? — האט ער א קעהר געטאהן זיך צו איהר מיט אן אונצופריעדענעם פּנים.

זי איז געווען איבערראשט און האט אנגעהויבען שטאמלען :

—וואס הייסט, וויפיעל דוא ווילסט גיעב.

—וועל איך דיר געבען הונדערט פראנק — האט ער געענפטערט — אבער זיי פאַרזיכטיג, פארשווענדע זיי ניט.

זיא האט ניט געוואוסט וואס צו זאָגען, זייענדיג פארשעהמט און צומישט אבער זיא האט דערנאָך א פרעג געטאהן :

—סטייטש, איך האָב דאָך דיר גע־געבען דאס געלד אויף צו...

—יא, געווים — האט ער זיא אי־בערגעשלאָגען — וואס איז דיא נפקא מינה צו דאס איז ביי דיר אין קעשינע אדער ביי מיר, ווען ביי אונז איז דאָך שוין איין קאססע. איך זאָג דיר דען אָב פון צו געבען ? אָט גיב איך דאָך דיר הונדערט פראנק ?

זיא האט גענומען דיא פינף צוואנ־ציג־פראנק שטיקער, ניט זאָגענדיג א וואָרט מעהר; אָבער זיא האט שוין ניט געוואגט דערנאָך מעהר צו בעטען ביי איהם, און זיא האט אויסער דעם רע־וואָלווער קיין זאך ניט געקויפט.

נאָך א וואָך זיין אין פאריז, האָבען זיי אָנגעהויבען זייער רייזע צוריק אהיים אין „פאפעל־בוימער.״

# אוים הנאה

דיא גאנצע פאמיליע מיט דער דיע־נערשאפט זיינען געשטאנען לעבען דעם ווייסען צאם מיט דיא געמויערטע זיי־לען און ערווארט זיי, דיא פּאָסט־קאַ־רעטע האט זיך אָבגעשטעלט און עס האָבען זיך אָנגעהויבען לאנגע אומאַר כּוּנגען. דיא באַראָנין האט געוויינט, זשאנע איז געווען גערירהרט, האט אָב־געווישט צוויי טרערען; איהר פאטער איז ארום געגאנגען נערוועז הין און צו־ריק. דאן האָבען זיך אלע צוזעצט אין זאַאל ארום קאמין און עס איז געווען אויסגערעכענט דיא גאנצע רייזע. דיא ווערטער זיינען געפלאָסען פון זשאנעס ליפען; און אין א האלבע שטונדע האט זי דערצעהלט אין גאנצען, א חוץ אפשר קלייניגקייטען, וועלכע זיא האט פארגע־סען אין דעם סדר פון איהר שנעלער ערצעהלונג.

דאן האט דיא יונגע ווייבעל אָנגע־הויבען צו צועפענען דיא פּעקלאך. ראָ־זאליע, זייענדיג אליין זעהר גערירהרט, האט איהר געהאָלפען. ווען דאס איז גע־ווען געענדיגט, ווען דיא וועש, דיא קליי־דער, דיא טואַלעט־ארטיקלען זיינען צו־שטעלט געוואָרען אויף דיא פּלעצער, האט דיא דיענסטמיידעל פערלאָזען איהר ווירטהין, און זשאנע, עטוואס מיעד, האט זיך צוגעזעצט. זיא האט גערארפט טהעטיגקייט, א בעשעפטיגונג פאר איהרע געדאנקען און עפּעס וואס צו טהאָן מיט איהרע הענד. זיא האט קיין פערלאנג ניט געהאט ארונטערצו־געהן אין זאַאל וואו איהר מוטער האט געדרעמעלט; אפשר געהן א ווייליע שפּא־ציערען, האט זיא א קלעהר געטאהן, אָבער אלעס דרויסען האט איהר אויס־זעהען אזוי לאנגווייליג, אז קוקענדיג בלויז דורכ׳ן פענסטער אליין האט אויף איהר אָנגעטריעבען א שווערען אומעט.

און איצט ערשט האט זיא דער־פיהלט א מין פוסטקייט, ניטא פאר איהר וואס מעהר צו טאָהן, קיין זאך מיט וואס צו בעשעפטיגען איהרע גע־

דאַנקען אויף ווייטער. איהרע יונגע יאָ־
רען אין קלויסטער זיינען געווען פערנו
מען מיט חלומות וועגען דער צוקונפט.
זייענדיג דאָן שטענדיג פערטיעפט אין
געדאַנקען און האָפנונגען פון דעם וואָס
עס ערוואַרט זיא אין לעבען, זיינען אזוי
אַוועק איהרע טעג, איהרע יאָהרען אוּנ־
בעמערקט. זיי זיינען אַוועק ניט פיהלענ־
דיג וויא אזוי, און דאָן וויא זיא האָט נור
פערלאָזען דיא דיקע ווענד, אין וועלכע
עס זיינען רייף געוואָרען איהרע בליהענ־
דע פאַנטאַזיעס, איז שוין פערווירקליכט
געוואָרען דאָס, פון וואָס זיא האָט אזוי
לאַנג געטרוימט: דיא ערוואַרטונג פון
ליעבע האָט זיך פאַרווירקליכט באַלד,
דער מאַן, אויף וועלכען זיא האָט גע־
האָפט, האָט זיך בעגעגענט מיט איהר.
פערליעבט, חתונה געהאַט אין צייט פון
עטליכע וואָכען, וויא מענשען האָבען
חתונה דורך אַ פּלוצלינגען ענטשלוס אין
שיין אריינגענומען זי אין זיינע אָרעמס
איידער זיא האָט נאָך צייט געהאַט
ארומצוזעהען זיך, בעטראַכטען.

אָבער אַט איז דיא זיסע ווירקליכ־
קייט פון דיא ערשטע טעג געוואָרען אַן
אַלטעגליכע זאַך, וועלכע האָט פערשלאָ־
סען דיא טהירען פון דיא אינבעשטימ־
טע האָפנונגען, פון דיא צויבערהאַפטע
אונרוהיגקייטען פון ליעבע. יאָ, אַ סוף
צו ערוואַרטונגען. ניטאָ מעהר וואָס צו
טהאָן, ניט היינט, ניט מאָרגען, קיין מאָל
ניט. דאָס אַלעס האָט זיא געפיהלט טור־
מאַנע, פאַרשלייערט; זיא האָט גע־
פיהלט וויא עס זינקען איהרע חלומות.
זיא האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט צו־
געפּרעסט איהר שטערען צו דער קאַל־
טער פענסטער־שויב. און קוקענדיג אזוי
אַ ווײלע אויף דיא שווינדענדע וואָל־
קענס, האָט זיא בעשלאָסען ארויסצוגע־
העון אַ ווײלע.

זיינען דאָס געווען דיעזעלביגע פעל־
דער, דיעזעלבע גראָז, דיעזעלבע בוימער
אזוי וויא אין מאָנאַט מאי? וואָס איז
געוואָרען פון דיא יוניגע פרייד פון דיא
בלעטער, פון דיא גרינענדע פּאָעזיע, פון
דער לאַנקע, וואו דיא רויטע בלומען
האָבען געבלוטיגט, אָדער וואו דיא ראָ־
מאַשקאַ־בלומען האָבען געבליהט, אָדער
וואו דיא זומער־פויגעלעך האָבען ארומ־
געשוועבט אזוי וויא אנגעצעפּעט אַן
אונזיכטבאַרע פעדים? און דיא פער־
שיכור'ונג פון דער לופט דורכגענומען
מיט לעבען, מיט ריחות און מיט
פרוכטבאַרע אָטאָמען עקזיסטירט שוין
ניט מעהר.

דיא אַלעען און וועגען, אָראַבגע־
פליצט פון דיא שטענדיגע גוסרעגענס
פון הערבסט. ציהען זיך איצט באַדעק־
טע מיט אַ דיקער דעקע פון טויטע בלע־
טער אונטער דיא ציטערנדע דינע צוויי־
גען פון דיא נאַקעטע פּאַפּעל־בוימער.
און אזוי וויא דער אונאויפהערליכער
רעגען איז טרויעריג גענוג צו ברייגנען
איינעם צו טרעהרען, אזוי זיינען דיעזע
לעצטע בלעטער, וועלכע האַלטען זיך
שוין קוים אויף דיא צווייגען, אלע פער־
געלט, רייסען זיך אָב, קעהרען זיך אוי־
בער, ווערען געדרעהט פון ווינד און
פאַלען צו דער ערד.

זיא האָט צוגעשפּאַציערט אזוי ווייט
וויא ביז'ן קליין־וועלדעל, דאָרט איז
געווען אזוי טרויעריג וויא אין אַ קאַ־
מער פון אַ שטערבענדען, דיא גרינע
ווענד פון ביידע זייטען פון דעם שטעה־
נעם וועג זיינען געווען שיטער; דיא
געפלאָכטענע קוסטעס, אזוי וויא געהעפ־
טע שפּיצען פון דינענקע ביימלעך, האָ־
בען אַבגעקלאַפּט זייערע צווייגען איינע
אַן דיא אַנדערע און דער רויש פון דיא
אראָבגעפאַלענע, פערטריקענטע בלעטער
געטראָגענע פון ווינד זיינען צונויפגע־
טראָגען געוואָרען אין הויפענס. דאָס
האָט געמאַכט דעם איינדרוק וויא דער
לעצטער זיפץ פון טויט־קאַמפּף. קליינע
פויגעלעך זיינען ארומגעשפּרונגען פון

פלאַץ אויף פּלאַץ, זוכענדיג וואו צו בעשיצען זיך.

זשאַנע איז ארומגעגאנגען הין און צוריק מיט לאנגזאמע טריט אין דער באַראָנינס אלעע. א שווערקייט אויפ'ן הארצען האָט זיא געפיהלט אזוי וויא אַן אהנונג פון לאנגער ערמיעדונג פון דעם מאנאטאנעם לעבען. וועלכער עס הויבט זיך פאר איהר אן. זיא האָט זיך צוגעזעצט אויף דעם בערגעל, וואו זשוליאן האָט צו איהר גערעדט צום ערשטען מאָל פון ליעבע; און זיא איז געבליעבען דאָרט זיצען לאנג, פערגליווערט, כמעט אָהן געדאנקען מיט א צווייטאָקט הארץ, וועלענדיג איינשלאָפען צו פערגעסען דיא טרויעריגקייט פון דיעזען טאָג.

פלוצלונג האָט זיא דערזעהען א ים־פויגעל, שוועבענדיג אונטער'ן הימעל, אזוי וויא געטראָגען פון'ם ווינד. זיא האָט זיך דערמאָהנט דעם אדלער, וועלכע זיא האָט געזעהען אין קארסיקא אין דעם דונקעלען טהאָל פון אָטאַ. איהר הארץ האָט א צופּ געטהאָן וויא עס איז אימער ווען מען דערמאָהנט זיך עפּעס אויף א זיסער ערינערונג, וועלכע איז אויף אייביג פון אונז פערשוואונדען. און עס האָט איצט אויפגעטויכט אין איהר זכרון דער גלענצענדער אינזעל מיט זיינע ווילדע בשמים־ריחות, מיט דעם אזשור־בלויען ים־ברעג, מיט זיינע פעלזענריסען און טהאלען, וואו שטראַמען פליסען. דאָס אלעס האָט איהר אזוי דערנומען, אז זיא האָט זיך אויפגעהויבען און איז אריין אין הויז אום ניט אויסצוברעכען אין א געוויין.

איהר מוטער איז געזעסען לעבען קאמין און געדרעמעלט, זייענדיג שוין געוועהנט צו דיעזע מעלאנכאָלישע טעג און ניט פיהלענדיג דאָס מעהר. דער באַראָן און זשוליאן זיינען געוועזען אויף א שפּאַציער אום דורכצורייטען זיך וועגען זייערע אנגעלעגנהייטען. און דיא נאַכט איז אָנגעקומען, ווארפענדיג טרויעריגע שאָטענס איבער דעם אונגעהויער גרויסען זאאל, וועלכער איז געווען בעגאָסען מיט דעם שיין פון דעם פלאקערנדען פייער פון קאמין.

דער באַראָן איז באלד ערשיענען. נאָך איהם זשוליאן. ווען ער איז אריין אין דעם דונקעל־געוואָרענעם צימער האָט ער א קלונג געטהאָן:

— שנעלער, שנעלער, צינדט אן ליכט! דאָ איז אזוי דונקעל,

און ער האָט זיך אוועקגעזעצט בעפאָר דעם קאמין, זיינע אָנגעווייקטע שטיוועל אין בלאָטע האָבען ארויסגעלאָזען א פּארע, געטריקענט פון דעם ברענענדען פייער אין קאמין. ער האָט פרעהליך געריבען זיינע הענד:

— איך גלויב — האָט ער געזאָגט — אז מיר וועלען האָבען א פראָסט. דער הימעל איז בעלויכטען אין צפון־זייט, א פולע לבנה האָבען מיר און דער פראָסט וועט שארף בייסען היינטיגע נאַכט.

ער האָט זיך דאן א קעהר געטהאָן צו זיין טאָכטער, זאָגענדיג:

— נו, טאָכטעריל, ביסטו צופריעדען וואָס דוא ביסט שוין וויעדער אין דיין אייגען לאנד, ביי זיך אין דער היים צוזאמען מיט דיינע עלטערען?

דיעזע איינפאכע פראגע האָט זיא צוריהרט. זיא האָט זיך א ווארף געטהאָן צום פאטער אין דיא ארעמס, איהרע אויגען זיינען געוואָרען פול מיט טרעהרען, און קוסענדיג איהם נערוועז האָט זיא אָנגעהויבען צו בעטען זיין פערצייהונג, ווארום וויא זיא האָט זיך ניט געוואלט צוריקהאלטען און ווייזען א פרעהליכע מינע, האָט זיא ניט געקענט; דיא מעלאנכאָליע האָט זיא איבערוועלטיגט.

זיא האָט געטראכט וועגען דער שמחה, וואָס זיא האָט ערווארט ווען זיא וועט צוריק־קעהרען אהיים צו איהרע עלטערען. זיא איז אליין געווען פערוואונדערט איבער דער קאלטקייט, וועל־

בע האָט פּאַראַליזירט איהרע צערטליכע געפיהלען. זיא האָט געפיהלט אזוי וויא איינער, וועלכער האָט פיעל געטראַכט אין דער פרעמד וועגען דיא וואָס זיינען איהם טהייער, און וועלכער פיהלט, טרע־פענדיג זיי ווידער, א מין אָבשוואַכונג אין זיין צובונד צו זיי, ביז וואַנען ער וועט זיך צוריק איינלעבען מיט זיי וויא א מאָל.

לאַנג האָט געהויערט דערנאָך דער מאָהלצייט; ביי'ם טיש איז אָנגעגאַנגען א געשפּרעך, זשוליאַן האָט עפּעס אזוי וויא אין גאַנצען פערגעסען אויף זיין פרוי, ווען זיי זיינען אוועק פון טיש. זשאַנע איז צוגעגאַנגען צום קאַמין און האָט עטוואָס איינגעדרעמעלט זיצענדיג נעגען פייער. זיא האָט זיך אין א ווײַלע ארום אויפגעכאַפּט פון צוויי שטימען, וועלכע האָבען געהאַלטען אין דיסקוטי־רען. דער באַראָן איז צוגעגאַנגען צו איהר נעהענטער:

— אַי, דער פייער ברענט גוט — האָט ער געזאָגט — עס איז גאַנץ קאַלט דרויסען, קינדערלעך.

ער האָט דאַן ארויפגעלייגט זיין האַנד אויף זיין טאָכטער'ס אַקסעל אין ווייזענדיג אויפ'ן פייער האָט ער א זאָג געטהאָן:

— דוא זעהסט, טאָכטעריל, דאָס איז דיא בעסטע זאַך אין דער וועלט; דאָס היימיש הארץ, דאָס הארץ וואָס פיהלט, אז זיינע אייגענע זיינען ארום איהם. ניטאָ קיין גלייכען אין דער וועלט צו דיעזען פערגניגען, אָבער עס איז שוין צייט צו שלאָפען. איהר מוזט זיין זעהר מיעד, קינדערלעך.

ווען זשאַנע איז ארויף אין איהר צי־מער איז איהר ארויפגעקומען אויפ'ן זינען דער געדאַנק: וואָס פאַר אן אונ־טערשיעד עס איז אין דיא צוויי מאָל, וואָס זיא איז אָנגעקומען אהיים צוריק. פאַר וואָס ב׳הלט זיא עפּעס איצט אזוי וויא זיא וואָלט געווען צושלאָגען, צו־בראָכען? פאַר וואָס זאָל דאָסזעלבע הויז, דערזעלבער טהייערער פּלאַץ צו לאַנד, אַלעס וואָס עס האָט אזוי באַ־וועגט איהר הארץ ביז איצט, זיין פאַר איהר איצט אזא טרויער־פּלאַץ?

איהר בליק איז געפאַלען אויפ'ן זייגער; דער קליינער ביהן פון דעם פּאָמ־פּעדיטעל, וועלכער האָט זיך געוויגט הין און צוריק פון לינקס צו רעכטס און פון רעכטס צו לינקס, איז געווען דערזעלבער וואָס א מאָל. און דאָס האָט אין איהר פּלוצלונג ערוועקט א ווייכקייט, א צערט־ליכקייט, צונומען ביז טרעהרען פון דיזער קליינער מאַשין, וועלכע האָט אויס־געזעהען אזוי וויא לעבעדיג און האָט צו איהר אויסגעזונגען דיא שטונדע און האָט געקלאַפּט אזוי וויא עס וואָלט גע־ווען א הארץ. זיא איז ניט געווען אזוי גערירט ווען זיא האָט געקוסט איהרע לייבליכע פאטער און מוטער. וואָס פאַר א מערקווירדיגע זאַך א הארץ איז! דאָס הארץ האָט אין זיך אזעלכע געהיימניסע, וועלכע מען קען ניט אויספאָרשען מיט'ן שכל.

דאָס איז געווען דיא ערשטע צייט זינט נאָך איהר חתונה וואָס זיא איז גע־ווען אליין אין בעט; זשוליאַן האָט פער־נומען אן אנדער צימער אונטער דעם אויסרייד, אז ער איז מיעד. עס איז שוין געווען אזוי איינגעאָרדענט פון פריהער, אז יעדערער זאָל האָבען זיינע בעזונדע־רע צימערען לאַנג האָט זיא זיך גע־קליעבען איינצושלאָפען און אין געווען עפּעס אזוי וויא איבערראַשט ניט פיה־לענדיג אימיצען ביי דער זייט, זייענדיג שוין אָבגעוואָהנט פון צו שלאָפען אליין און פיהלענדיג בעאונרוהיגט פון דעם קאַלטען ווינד, וועלכער האָט געריסען דעם דאַך. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פריה האָט א שטראָם פון ליכט בעגאָסען איהר צופוסען פון בעט. דיא פענסטער־שויבען, בעדעקט מיט פראָסט זיינען געווען מיט רויטקייט בעשיינט

אזוי וויא דער גאנצער האריזאנט וואלט געוועזן אין פלאמען.

זשאנע האט ארויפגעווארפען אויף זיך א ראפער, איז צוגעלאפען און האט צועפענט דיא פענסטער. א פראסטיגער ווינד, שארף און געזונד, האט געקנייט איהר לייב מיט אזא קעלט, אז טרערען זיינען איהר אנגעלאפען אין דיא אויגען. אין מיטען פון דעם פורפור־הימעל איז ערשיענען א גרויסע זונן פון הינטער דיא בוימער, שיינענדיג און גלאנצענדיג אזוי וויא דער פנים פון א שיכור'ען.

דיא ערד בעדעקט מיט ווייסען פראסט, הארט און טרוקען, האט געסקריפעט אונטער דיא טריט פון דיא דארפס־מענשען. איבער איין נאכט זיינען דיא צווייגען פון דיא פאפעל־בוימער להלוטין נאקעט געווארען — קיין איין בלעטעל אויף זיי ניט געבליעבען. זשאנע האט זיך שנעל אנגעטהאן, איז ארויסגעגאנגען, און ניט האבענדיג אנדערעס וואס צו טהאן, איז זיא אוועק בעזוכען דיא לאנד־ארבייטער.

דיא מארטינס האבען הארציג בעגרעסט דיא ווירטהין פון שלאס, האבען זיא געקוסט אויף ביידע באקען, האבען זיא מכבד געוועזן מיט א גלאז ווארעמס און זיא איז אוועק בעזוכען אן אנדער הויז, וואו עס האט געוואהנט דיא פאמיליע קולארדס. דיא קולארדס האבען אויך אזוי וויא דיא מארטינס בעגעגענט זיא מיט אפענע ארעמס. פרוי קולארד האט א גלעט געטהאן איהרע אויערן און האט זיא געבעטען אויסטרינקען א גלעזעל שווארצען וויין. זיא האט אויסגעטרונקען און איז אוועק פון דארט אהיים פריהשטיק עסען.

דער טאג איז פערלאפען אזוי וויא דער פאריגער, נור אנשטאט נעכטיגער נאסקייט איז היינט געוועזן א פראסט, און דיא איבעריגע טעג פון וואך זיינען אריבער אזוי וויא דיא ערשטע ; און אלע וואכען פון מאנאט זיינען אריבער אזוי וויא דיא ערשטע וואך. ביסלעכווייז אבער האט איהר ביינקשאפט אנגעהויבען אבגעשוואכט צו ווערען. געוואהנהייט האט פערצויגען א שאלעכץ פון רעזיגנאציאן איבער איהר לעבען, אזוי וויא עס זעצט זיך אב א קאלכיגע פערהאטונג פון א קאלך־וואסער־קוואל אויף זאכען.

א מין מעלאנכאליע האט זיך איינגעגנב'עט אין איהר הארצען, א טומאנע אונצופריעדענהייט מיט'ן לעבען. וואס האט איהר הארץ באגעהרט? וואס איז איהר וואונש געוועזן? זיא האט דאס אליין ניט געוואוסט. זיא האט דוכט זיך קיין זאך אין דער וועלט ניט געוואונשען ; קיין לוסט פאר פערגעניגען, קיין נייגונג הנאה צו האבען פון עפעס — וואס האט זיא דערפון? וואס פאר א בעפריעדיגונג קען מען האבען פון דיא אלע תענוגים? און פונקט אזוי וויא דיא אלטע פוטעלען אין זאאל זיינען אבגעבלאקירט געוווארען פון צ ים, אזוי איז יעדע זאך אבגעבלאקירט געווארען אין איהרע אויגען, האט פערלארען דעם קאליר, האט איהר אויסגעוויעזען אלט, בלייך, ניט אינטערעסאנט.

איהרע בעציהונגען צו זשוליאן האבען זיך אין גאנצען געענדערט. ער איז געווארען גאר אן אנדער מענש זינט זיי האבען זיך אומגעקעהרט פון זייער האכציטס רייזען, אזוי ווי אן אקטיאר וועלכער האט שוין אבגעשפיעלט זיין ראלע און ווערט דאס וואס ער איז אין געוועהנליכען לעבען. ער האט זיא כמעט גאר ניט בעמערקט, האט צו איהר וועניג גערעדט, יעדער סליאד פון ליעבע איז פלוצלונג פערשוואונדען, און זעלטען איז ער ביינאכט אריין אין איהר צימער.

ער איז געווארען פאלנער בעל הבית פון'ם פארמעגען און פון הויז, האט געענדערט דיא קאנטראקטען מיט דיא איינוואהנער, האט נעהאט שטענדיג

סכסוכים מיט דיא פויערים, האט פערקירצט דיא הוצאה, און אננעהמענדיג דעם אויסזעהען פון א לאנד־בעזיצער, האט ער פערלארען לחלוטין דעם עלעגאנטען חתן. ער האט קיין מאהל ניט אויסגעטהאן דעם אלטען זאמעטענעם יעגער־זשאקעט מיט דיא מעשענע קנעפלעך, וועלכען ער האט געפונען צווישען דיא אלטווארג, ניט קוקענדיג דערויף וואס דער זשאקעט איז געווען פערשמאלצען און פארפלעקט. און אזוי וויא ער דארף שוין מעהר ניט זוכען געפעלען צו זיין, האט ער זיך אויפגעהערט צו ראזיערען אזוי, אז זיין בעוואקסענער פנים האט אויסגעזעהען שוין גאר אנדערש ; מיאוסער. נאך יעדער מאהלצייט האט ער זיך ניט געשעהמט אויסטרינקען עטליכע גלעזלעך שנאפס.

ווען זשאנע האט איהם פרובירט מאכען עטליכע מאל פארווירפע, איידעל, שטיל, געלאסען, האט ער געענטפערט גראב און קורץ :

— א, לאז מיך, הער אויף, הערסטו?

און זיא האט שוין מעהר ניט געעפענט איהר מויל. זיא האט פערשוויגען אלעס און האט אליין געוואונדערט זיך וויא זיא ליידט דאס אויס. ער איז געווארען איהר לחלוטין א פרעמדער, א פרעמדער וועמעס הארץ און נשמה איז פאר איהר אין גאנצען פערשלאסען און אפט פלעגט זיא טראכטען, וויא קומט דאס, אז נאך דעם וויא זיי האבען זיך באגעגענט, פארליעבט און חתונה געהאט מיט אזא גליהענדע צערטליכקייט, זאלען זיי פלוצלונג ווערען פרעמד איינער צום צווייטען ; אזוי וויא זיי וואלטען זיך גאר קיין מאל ניט קענען, אזוי וויא זיי וואלטען גאר קיין מאל ניט געשלאפען זייט ביי זייט.

און וויא קומט דאס, אז זיא ליידעט, שוין גאר זעהר דערפון ניט, אז זיא אליין איז גלייכגילטיג ? איז אזוי טאקע דאס לעבען ? האבען זיי זיך ביידע געענדערט ? האט דיא צוקונפט פאר איהר קיין זאך ניט מעהר ? ווען זשוליאן וואלט געבליעבען וויטער אזוי שעהן, אזוי אויסגעפוצט און רייצענד וויא פריהער, וואלט זיא נאך אודאי פיעל מעהר געליטען איידער איצט.

עס איז געווען בעשלאסען, אז איהר פאטער און מוטער זאלען נאך נייאהר אבפאהרען, ארייננציהען צוריק אין זייער הויז אין רואן אויף עטליכע מאנאטען, און דאס יונגע פאאר זאלען פארברייננגען דעם ווינטער אין דעם „פאפעל־בוימער" שלאס, כדי זיי זאלען זיך מעהר איינלעבען דא, וואו זיי וועלען דארפען זייער גאנצען לעבען פארברייננגען און דערצו פאסט פאר דיא נור־וואס פערהייראטע צו מאכען וויזיטען צו דיא ארעליגע שכנים . מען דארף נאך בעזוכען דיא בריזווילס, דיא קאטעליערס, דיא פארווילס, וועמען זשוליאן דארף פארשטעלען זיין יונג ווייבעל.

זיי האבען דיעזע אריסטאקראטישע פאמיליען נאך ביז איצט ניט געקענט בעזוכען דערפאר, וואס דיא פאמיליען־קארעטע מיט דעם נייעם הערב איז נאך ניט פארטיג. זשוליאן וועט אונטער קיינע אומשטענדען ניט ארויספאהרען מיט א בעזוך, וואו דער נייער הערב פון גראף און גרעפין דע־לאמאר איז נאך ניט פארטיג. דער נייער הערב דארף זיין א צוזאמענבינדונג פון דיא דע־לאמארס מיט דיא פערטואי דע־וואו'ס.

נור איין מענש איז געווען, וועלכער קען צייכענען הערעלדישע הערבען. זיין נאמען איז באטיל, און זייט יאהרען שוין וויא ער באשעפטיגט זיך מיט ארומפאהרען פון שלאס צו שלאס, מאהלענדיג דיא הערבען פון דער נארמאנדישער אריסטאקראטיע אויף זייערע קארעטעס. מען האט דערצעהלט, אז

מיט איהם האָט עפּעס געטראָפען א מיאוסע געשיכטע, אבער דאָס מאכט ניט אויס. דער פאקט אליין, אז ער האָט געהאַט עסקים מיט אריסטאָקראַטיע, איז שוין געווען גענוג אז מען זאָל ניט ערלויבען זיך הויך צו רעדען וועגען דעם.

אין איין דעצעמבער טאָג איז באַטאַיל אנגעקומען אין דיא „פּאַפּעל־בוימער“ מיט זיין פארב־קעסטעל אויפ'ן פּלייצע. מען האָט איהם אויפגענומען אלס אן ארעליגען גאַסט. זיינע שטענדיגע שיכות'ן מיט אריסטאָקראַטיע און זיין קענטניס פון הערא־לדעריי האָט איהם עפּעס פעראַדעלט און דיא אריסטאָקראַטען האָבען גאַנץ גערן אפילו דערלאַנגט איהם דיא האַנד וויא ער וואָלט גאָר געווען זייער גלייכען.

אין דער צייט וואָס באַטאַיל האָט געגעסען זיין פריהשטיק איז דער באַראָן מיט זשוליאַן'ען געווען בעשעפטיגט אויסצומאַכען פערשיעדענע צייכנונגען א וועלכע הערב זיי האָבען געוואָלט, און דיא באַראָנין, וועלכע האָט זיך אימער אינטערעסירט מיט אַזעלכע אריסטאָקראַטישע זאַכען, האָט געגעבען איהרע עצות. אפילו זשאַנע האָט זיך אויך אריינגעמישט.

נאָך'ן עסען האָט מען באַטאַיל'ען געפיהרט אין'ם שטאַהל פון דיא קאַרעטעס; מען האָט אָבגעצויגען דיא דעקע פון א קאַרעטע. באַטאַיל האָט דיא קאַרעטע בעקוקט, האָט מיט אן אנגעצויגענעם פּנים און טיעפען ערנסט ערקלעהרט זיין מיינונג וויא גרויס דער הערב זאָל פאַרנעהמען, און נאָך א ביסעל בעראַטהען זיך, האָט ער זיך גענומען פאַר דער ארבייט.

ניט קוקענדיג דערויף וואָס דער וועטער איז געווען זעהר קאַלט, האָט דיא באַראָנין געלאָזט זיך בריינגען א ביינקעל און האָט זיך געזעצט נאָכקוקען וויא באַטאַיל טהוט זיין ארבייט. מען האָט איהר איינגעדעקט דיא פיס און זיא איז דאָרט געזעסען און געשמועסט מיט דעם הערב־מאַהלער; זיא האָט איהם אויסגעפרעגט וועגען אלעס, וועגען קינדער וואָס זיינען וואו געבאָרען געוואָרען אין א פריצישען הויף, ווער עס האָט אין דער לעצטער צייט חתונה געהאַט, ווער געשטאָרבען. זשוליאַן איז געזעסען נעבען זיין שוויגער, האָט גערויכערט זיין לולקע און האָט זיך צוגעהערט, נאָכקוקענדיג דערווייל וויא באַטאַיל ארבייט. דער אלטער דינער, סימאָן, איז אויך צוגעגאַנגען, האָט זיך צוגעקוקט און אויך א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ. דאָס איז געווען א וויכטיגע אנגעלעגענהייט, מיט וועלכער אלע האָבען זיך אינטערעסירט.

דיא מאַהלעריי איז ניט געווען פארטיג ביז אויף מאָרגען א זייגער עלף; דאָן האָט מען ארויסגעפיהרט דיא קאַרעטע אום מען זאָל דרויסען קענען בעסער אורטהיילען וועגען דער ארבייט. אלע האָבען זיך ארומגעקליבען, בעקוקט און ארויסגעזאָגט דיא מיינונג, אז דיא ארבייט איז קינסטלעריש. באַטאַיל האָט בעקומען בעצאַהלט, בעגריסט מיט דער געלונגענער ארבייט און ער האָט גענומען זיין קעסטעל אויפ'ן פּלייצע און איז אוועק ווייטער. דער באַראָן, זיין פרוי, זשוליאַן און זשאַנע, אלע האָבען איהם נאָכגעזאָגט שבחים: א פעהיגער מענש און וואָלט געקענט זיין פיעלייכט א גרויסער מאַהלער.

נייע ענדערונגען האָט זשוליאַן איינגעפיהרט אין דיא „פּאַפּעל־בוימער“ אום צו ערשפּאָרען הוצאות: דער אלטער קוטשער איז געוואָרען א גערטנער; אנטרייבען דיא פערד קען זשוליאַן אליין, דיא ספּעציעלע פערד פאר שפּאַצירפאָהרען האָט ער פערקויפט; צו וואָס קאָרמענען זיי דיא גאַנצע צייט? און פאָהרען קען מען מיט אנדערע פערד. אַזוי אָבער וויא מען דאַרף דאָך אימי־

צען צו טהאָן דיא ארבייט אין שטאַהל, האָט ער דיא ארבייט איבערגעגעבען דעם קליינעם פאַסטוך מאַריוס'ען. וואָס אנבעלאַנגט פערד האָט ער איינגעשטעלט א נייעם פונקט אין דיא קאָנטראַקטען פון זיינע ארענדאַרעס: דיא מאַרטינס מוזען איהם צושטעלען א פערד אין בעשטימטע טעג, ווען ער וועט פערלאַנגען אזוי; דיא קוילאַרדס אויך אזוי, און דערפאַר וועלען זיי ניט דארפען צושטעלען דיא עופות וויא עס איז פריהער געווען אין קאָנטראַקט.

וואָס זאָלען דיא ארענדאַטאָרס טהאָן? האָבען דיא מאַרטינס געשיקט אן אלטע ברוינע שקאַפּע און דיא קוילאַרדס האָבען געשיקט א קליינעם שימעל פערדעל מיט לאַנגע האָאַר. דיעזע קאָמישע פּאָאַר פערד פלעגט איינשפּאַנען דער קליינער פאַסטוך מאַריוס, וועלכער פלעגט אָנטהאָן דעם אלטען סימאָנס קוטשער-קאָסטיום, וואָס עס האָט צוגעגעבען נאָך מעהר לעבערליכקייט.

* * *

זשוליאַן האָט גוט אויסגעזעהען; ער האָט זיך א ביסעל צוגעפּוצט; אָבער זיין באָרד האָט איהם עפּעס צוגעגעבען א פּראָסטען פּנים, ניט קוקענדיג אויף זיין צופּוצען זיך.

דיא באַראָנין איז אראָבגעקומען אָנגעלעהנט אויף דעם ארעם פון דעם באַראָן, וועלכער האָט געהאָלפען אוועקזעצען זיא און ארומלייגען זיא מיט קישעלעך. דאַן איז זשאַנע ארויסגעקומען, זיא האָט א לאַך געטהאָן, דערזעהענדיג דיא פּאָאַר פערד און האָט געמאַכט א וויץ:

— דער שיוועער איז דאָך דעם געלען'ס אן אייניקעל.

ווען זיא האָט דערזעהען נאָך מאַריוס'ען איז דעם הויבען הוט פון דעם אלטען סימאָנס, זיינע ארבעל היינגען לייגנער פון דיא הענד, זייענדיג אָנגעטהאָן אין סימאָנס מאַנטעל, דיא פּאַלעס פון וועלכען האָבען זיך געשלעפּט איבער דער ערד; ווען זיא האָט דערזעהען וויא ער הויבט נעביך יעדער פוס אזוי וויא ער וואָלט וועלען אריבערשפּרייזען א שטראָם, האָט זיא זיך אזוי קאָנוואולסיוו צולאַכט, אז זיא האָט זיך בשום אופן ניט געקענט צוריקהאַלטען.

דער באַראָן האָט א קוק געטהאָן אויף מאַריוס און דאָס בילד איז געווען צופיעל פאַר איהם און ער האָט אויך אויסגעבראָכען אין א געלעכטער.

— קוק נור אן מאַריוס — האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי — זעה, איז ער ניט קאָמיש?

דיא באַראָנין האָט ארויסגערוקט דעם קאָפּ פון פענסטער און ווען זיא האָט דערזעהען מאַריוס'ען, האָט איהר אָנגעכאַפּט אזא געלעכטער, אז דיא קאַרעטע האָט זיך אָנגעהויבען צו טרויסלען אויף דיא רעסאָרען. זשוליאַן, וועלכער האָט גערעכענט, אז אלעס זעהט אויס אין בעסטע אָרדנונג, איז געוואָרען בלייך פון צאָרען, ער האָט זיך א קעהר געטהאָן:

— וואָס טהוט זיך מיט אייך? איהר זייט אפּנים משוגע, אזוי צו לאַכען!

זשאַנע האָט אָבער אזוי צולאַכט זיך, אז זיא האָט ניט געקענט אויפהערען, זי איז געזעסען אויף די טרעפּ און אזוי אויך דער באַראָן. און דיא באַראָנין זיצענדיג אין קאַרעטע און זיי האָבען זיך אלע געהאַלטען ביי דיא זייטען. זשוליאַן האָט זיך ערשט געכאַפּט פון וואָס זיי לאַכען; און איצט האָט זיך פּלוצלינג מאַריוס אליין אויך צולאַכט אונטער זיין גרויסען הוט איבער דיא אויערן, און דיא פּאָלעס פון זיין ראָק האָבען געפלאַטערט ווי א פּאָאַר פליגלען.

זשוליאַן איז געוואָרען א צוקאָכטער. ער האָט אראָבגעלאָזען דעם אינגעל אזא

פראסק, אז דער הוט איז איהם אראבגעפאלען פון קאָפּ. ער האט זיך דאן א קעהר געטאָהן צו זיין שוועגער און א זאג געטאָהן מיט כעס:

מיר דאַכט זיך, אז איהר האָט אודאי ניט פון וואָס דאָ אזוי צו לאכען. ווען איהר וואָלט ניט פארשווענדעט אייער געלד וויא איהר האָט פערשווענדעט, וואָלטען מיר ניט געווען אין אזא פערענגטער לאגע. ועמעס שולד איז דאָס, וואָס איהר זייט באנקראָט?

דאָס האָט פארגליווערט אלעמען און דער געלעכטער האָט גלייך אויפגעהערט. זשאנע האָט שיער אויסגעבראָכען איז א געוויין. זיא האָט זיך שטיל איצט פארנומען דעם פּלאַץ לעבען איהר מוטער און דער באראָן האָט זיך געזעצט אנטגעגען זיי אן ערשטוינטער און זעהר אראבגעפאלען ביי זיך. זשוליאן האָט פערנומען זיין פּלאַץ אויף דיא קאָזלעס און האָט געהייסען מאריוסען אוועקזעצען זיך לעבען איהם. דעם אינגעלס פּנים איז געווען בעגאָסען מיט טרעהרען און זיין באק איז אָנגעלאָפען פון דעם פּאטש.

דיא דריי אין קארעטע האָבען געשוויגען און זיינען געווען טרויעריג. זיי האָבען גערעכענט בעסער צו שווייגען, וויסענדיג גאנץ גוט, אז ביי יעדען פון זיי קומט אין דיא געדאנקען פאָר דאָסזעלביגע, און זיי וואָלטען ניט געקענט אָנהויבען צו ריידען וועגען עפּעס אין ניט בעריהרען דאָס, וואָס האָט זיי פּעראורזאכט אזוי פיעל שמערצען.

א טרויעריגע, ביטערע נסיעה איז דאָס געווען. דיא ניט גלייכע טריט פון דיא פּאָאר ניט צוגעפּאסטע פערד האָט געוואָרפען דיא קארעטע אין אלע זייטען פון וועג, איבערשרעקענדיג דיא הינט וואָס זיינען געלאָפען און בייז געבילט אויף דער משונה'דיגער קארעטע.

ענדליך זיינען זיי צוגעקומען צו א ברייטען שליאך, פון ביידע זייטען בעזעצט מיט טאנען־בוימער; דיא קארעטע האָט זיך א זעץ געטהאָן אן א זייט, זייענדיג געוואָרפען אויף דעם אונגלייכען וועג. דאָס האָט דיא בארא־נין אזא טרויסעל געטהאָן, אז זיא האָט אויסגעשריען פון שרעק. נור אָט זיינען זיי מיט מזל צוגעפאָהרען צו א ווייסען צוים. מאריוס איז אראָבגעקראָכען צו עפענען דעם טויער. א גרויכע לאנקע וואָס האָט געפיהרט צו א גרויסען, טרויעריגען בנין מיט פערמאכטע לאדען, האָט זיך געוויזען פאר דיא אויגען.

דיא טהיר האָט זיך געעפענט און אן אלטער דינער, א קאָליקער א האלבפאראליזירטער איז אראָבגעקומען מקבל פּנים זיין דיא בעזוכער. ער האָט אויפגענומען זייערע נעמען און האָט זיי פארבעטען אין א גרויסען צימער, האָט צועפענט דיא לאדען און האָט זיי אזוי איבערגעלאָזען. דיא לופט איז געווען דאָ קאלט און פייכט, דורכנעהמענדיג דורך און דורך דיא לונגען און קיהלענדיג דאָס הארץ.

שנעלע שריט אין דיא אויבערשטע צימערען האָבען בעוויזען עפּעס א צוטומלעניש, אן איילעניש. אנדערע טריט האָבען זיך דערהערט איבער דיא דילען אלס אן ענטפער אויף א רוף פון א גלעקעל; א פּנים וויא דער בעל־הבית און דיא בעל־הבית'טע האָבען געהאלטען אין אנציהען זיך מיט אימפּעט. דיא באראָנין, וועלכע איז דורכגעקעלטערט געוואָרען, האָט בעקומען א קאטער און האָט אָנגעהויבען נאָכאנאנד צו ניסען און זשאנע איז געזעסען לעבען דער מוטער א פערטרויערטע, א פארצווייפעלטע. זשוליאן איז אומגעגאנגען היז און צוריק איבער'ן צימער, וועהרענד דער באראָן איז געשטאנען מיט זיין פּלייצע צום קאמין און זיינע ברעמען זיינען געווען אָנגעוואָלקענט.

ענדליך האָט זיך דיא טהיר געע־

עפענט און דער גראף און גרעפין דע־בירזעוויל זיינען אריינגעקומען. זיי זיינען ביידע געווען קורץ געוויקסיג און מאגער; זיי האבען ביידע אויסגעזעה־הען אונבעקוועמליך אין זייערע צערע־מאניעלע קליידער. דיא גרעפין איז געווען אנגעטהאן אין א געבלומטער זיי־דענע קלייד און א גרויסארטיגער צע־פיק האט בעפוצט איהרע גלאנציגע לא־קען. זיא האט גערעדט שנעל, מיט א דינע, קוויטשערדיגע שטימעלע. דער גראף איז געווען ענג איינגעשנורט אין א גרויסארטיגען פראק און צו יעדען פערנייגונג האט ער א בויג געטהאן זיי־נע קניע אויסזעהענדיג זעהר אנגעבלא־זען ביי זיך, ער האט געגלאנצט פון קאפ ביז דיא פיס. עס וואלט געווען זעהר שווער צו טרעפען וויא אלט זיי זיינען; זיי האבען ביידע אויסגעזעהען אזוי וויא זאכען וואס מען האט בעהאלטען איינ־געוויקעלט אויף עטליכע חדשים.

נאך דיא ערשטע בעגריסונגען זיי־נען אלע אנשוויגען געווארען; אבער נאך א לייננערע ווײלע האט זיך פאר־בונדען א געשפרעך, זיי האבען אלע אויסגעשפראכען געוועהנליך די האפע־נונג, אז מיט דעם בעזוך אליין וועט זייער ערשטע פריינדשאפט ניט ענדיגען זיך, ווארום עס איז דאך אזא פערגעניגען צו בעזוכען איינע דיא אנ־דערע, און בפרט, אז פערגעניגען און צייט־פערטרייב קען מען ניט האבען צו לאנד דעם גאנצען יאהר.

דיא קאלטע לופט האט זיי דורכגע־נומען און דיא בארא נין האט ניט אויפ־געהערט צו הוסטען און צו ניסען. דער בארא ן האט זיך ענדליך אויפגעהויבען, ווייזענדיג, אז עס איז צייט שוין צו פעראבשיעדען זיך. אבער דיא דע־בריזעווילס האבען גאר ניט געוואלט הערען דערפון:

— אזוי גיך, אך, פערברײנגט נאך א ווײלע.

נור זשאנע האט זיך שוין אויפגע־שטעלט, ניט קוקענדיג הערויף וואס זשור־ליאן, וועלכער האט גערעכענט, אז מען מעג נאך זיצען א ווײלע האט צו איהר געוואונקען, זיא זאל נאך זיצען.

דיא ווירטהין האט געוואלט א קלונג טהאן און הייסען, אז דיא קארעטע זאל צופאהרען. אבער דער גלעקעל איז גע־ווען פערראסט און האט ניט געקלונגען.

אלע זיינען וויעדער אנשוויעגען גע־ווארען, ניט געווען ווענען וואס צו ריי־דען, האט מען אנגעהויבען צו שמועסען וועגען וועטער. זשאנע האט זיך נאכגע־פרעגט ביי דיא דע־בריזווילס וויא זיי פערברענגען זייער צייט. זיא האט גע־שוידערט פון קעלט ריידענדיג. דיא דע־בריזווילס האבען זיא אנגעקוקט פער־וואונדערט. וואס הייסט? זיי האבען גענוג וואס צו טהאן; זיי האבען אפט געשריעבען צו זייערע טיטולירטע פער־וואנדטע; א חוץ דעם האבען זיי צווי־שען זיך שטענדיג וועגען וואס צו ריידען אז זיי איז קיין מאהל ניט אומעטיג.

ענדליך איז דיא קארעטע שוין צו־געפאהרען צום טהיר, אבער מאריוס איז ערגעץ פערשוואונדען, ער האט מסתמא גערעכענט, אז ביז פארנאכט וועלען זיי דא אלע פערברײנגען, איז ער דערווייל אוועק דורכגעהען זיך. זשוליא איז געווען אן אויפגעקאכטער. ער האט געגעבען דיא דיענער א בעפעהל, מען זאל איהם אונטערשיקען דערנאך. מען האט זיך אנגעהויבען צו פערנייגען, גע־זעגנען און זיי זיינען ענדליך אבגעפאה־רען צוריק אהיים.

אזוי גיך וויא דיא טהירעל פון קא־רעטע האט זיך צוגעמאכט, האט זשאנע אנגעהויבען נאכ־צואהמען דיא דע־בריזוויל'ס. זיי זיי־נען אביסעל געקומען צו זיך נאך זשור־ליאנס גראבע בענעהמונגען און זיי הא־בען נאכגעמאכט וויא דער גראף דע־בירזוויל איז געשטאנען אנגעבלאזען, וויא דיא גרעפין האט זיך פערנייגט איז

געקוויטשעט מיט איהר דינע שטימעלע. זשאַנע האָט קונציג נאָכגעמאַכט אַלע זייערע מאַנירען. דער באַראָנין איז אַביסעל ניט געפעלען געוואָרען וואָס מען לאַכט אַזוי אָב פון אַלטע טיטולירטע אריסטאָקראַטען; זי האָט זיך געפיהלט פאַרלעצט.

— איהר דאַרפט פון זיי ניט אָבלאַכען — האָט זיא געזאָגט — זיי זיינען וואוילע מענשען און בעלאַנגען צו א גרויסאַרטיגער פאַמיליע.

זשאַנע און איהר פאַטער האָבען אויפגעהערט אום ניט אָבצוועסען איהר דאָס האַרץ. אין א ווײַלע ארום האָבען זיי זיך אָבער ניט געקענט צוריקהאַלטען און האָבען ווידער אָנגעהויבען און דיא באַראָנין האָט שוין אויך צוגעשמייכעלט, ניט קוקענדיג דערויף וואָס איהר איז ניט געפעלען געוואָרען זייער געלעכטער.

— הערט אויף. עס פּאַסט ניט אָבצולאַכען פון מענשען, וואָס בעלאַנגען צו אונזער אייגענעם אריסטאָקראַטישען געשלעכט.

פּלוצלינג האָט זיך די קאַרעטע אָבגעשטעלט און זיי האָבען געהערט וויא זשוליאַן רופט אימיצען; זשאַנע און דער באַראָן האָבען ארויסגעקוקט פון פענסטער פון קאַרעטע און האָבען דערזעהען וויא פון הינטער דער קאַרעטע אויפ'ן וועג, קייקעלט זיך עפּעס נאָך זיי. דאָס איז געווען מאַריוס, לויפענדיג אָהן אַן אָטהעם צו דעריאָגען דיא קאַרעטע. דיא פּאָלעס פון זיין לאַנגען ראָק האָבען געפלאַנטערט זיינע פיס און האָבען איהם געהינדערט פון קענען לויפען שנעל. מיט איין האַנד האָט ער געהאַלטען זיין גרויסע היטעל אויפ'ן קאָפּ, וועלכע האָט פאַרשטעלט זיין גאַנצען פּנים. זשוליאַן האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר'ן קאָלנער און האָט איהם א שלעפּ געטאָהן ארויפצו אויף דיא קאָזלעס. אוועקוואַרפענדיג דיא לייצעס, האָט ער זיך איצט גענומען שלאָגען דעם אינגעל; קלעפּ האָבען גערעגענט אויף דעם אָרעמען קאָפּ פון דעם אונגליקליכען און ער האָט געשריען קולות און געזוכט אויסצודרעהען זיך פון דיא קולאַקעס. אָבער זשוליאַן האָט איהם געהאַלטען מיט איין האַנד און מיט דער אַנדערער געשלאָגען.

—פאַטער, אָ, פאַטער ! — האָט געזאָגט זשאַנע.

דיא באַראָנין איז געווען אויסער זיך. זיא האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר'ן באַראָנס האַנד און האָט א זאָג געטאָהן.

—זשאַק, פאַרוואָס לאָזט דו איהם?

דער באַראָן האָט אַראָבגעלאָזען די פראַנט־שויב און האָט א כאַפּ געטאָהן זשוליאַנס אָרעם.

—הער אויף צו שלאָגען דעם קינד!

—האָט ער א געשריי געטאָהן.

—גיט אָבער א קוק, וויא ער האָט פאַרבלאָטיגט זיין גאַנצען ראָק — האָט געענטפערט זשוליאַן — דיא בריאה איז דאָך פאַרשמוציגט פון קאָפּ ביז דיא פיס.

—דאָס איז ניט אייער דאגה און דאַרפסט אָבער ניט זיין אזוי ברוטאַל.

—דאָס איז א בעזונדער זאַך. דוא לאָזט מיך צורות — האָט זשוליאַן א זאָג געטאָהן מיט כעס און האָט אויפגעהויבען זיין האַנד ווידער צו שלאָגען מאַריוסען. אָבער דער באַראָן האָט איהם אָנגעכאַפּט :

—אויב דוא וועסט איהם ניט אויפהערען שלאָגען—האָט דער באַראָן אויסגעשריען—וועל איך ארויס פון קאַרעטע און איך וועל זיך פאַר דיר א נעהם טהון.

דאָס האָט געווירקט. זשוליאַן האָט דעם אינגעל אָבגעלאָזען, האָט א קוועטש געטאָהן מיט דיא פּלייצעס און האָט אָנגעהויבען שמייסען די פערד. די צוויי פרויען זיינען געבליעבען וויא פאַרגליווערט. זיי האָבען זיך ניט געריהרט פון פּלאַטץ און האָבען קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט.

אָבענדס צום עסען איז זשוליאַן די־

זען מאָהל געווען אזוי גוט און אזוי העפ־
ליך. אזוי וויא עס וואָלט גאָר קיין זאך
ניט פּאַסירט. און זיי, די גוטהאַרציגע
מענשען זיינען אזוי גערן געווען וואָס
ער איז ניט בייז, ניט ברוגז, אז זיי האָ־
בען זיך פערהאַלטען צו איהם מיט דער
געוועהנליכער ליעבשאַפט. זשאַנע האָט
זיך וויעדער צורעדט וועגען דיא דע־
בריזעווילס און זשוליאַן אליין האָט שוין
איצט אויך מיטגעלאַכט און געוויצעלט
זיך. ער האָט אָבער א זאָג געטאָהן אין
מיטען:

—פון דעסטוועגען זיינען זיי זעהר
ווילע מענשען.

מעהר זיינען זיי ניט אויסגעפאָהרען
פאַר קיין בעזוך, מורא האָבענדיג אז
כ'זאָל ווייטער ניט פּאַרקומען אזא גע־
שיכטע ווי מיט מאַריוסען. אַנשטאָט
דעם האָבען זיי בעשלאָסען יוצא צו זיין
מיט צושיקען ניי־יאהר קאַרטעס און
אָבלעגען דיא וויזיטען ביז פריהלינג.
אויף ווייה־נאַכטען האָבען זיי געשיקט
אן איינלאַדונג צו דעם דאָרפס־גלח און
דעם בירגער־מייסטער מיט זיין פרוי.
אויף ניי־יאהר האָבען זיי ווידער דיע־
זעלביגע איינגעלאַדען. נאָך ניי־יאהר
האָט זיך אָנגעהויבען ווייטער דערזעל־
בער מאָנאָטאָנער לעבען טאָג נאָך טאָג.

דעם נייענטען יאנואר האָט דער
באַראָן מיט דער באַראָנין געדאַרפט אָב־
פאָהרען. זשאַנע האָט זיך געבעטען ביי
זיי, אז זיי זאָלען נאָך פערבלייבען מיט
איהר, אָבער זיי האָבען מעהר ניט גע־
קענט פאַרטראָגען זשוליאַן'ס קאַלטקייט
און זיי האָבען בעשלאָסען אוועקצופאָה־
רען. עס איז געקומען דער אבענד פאַר
זייער אוועקפאָהר; א פּרעכטיגער אבענד
איז דאָס געווען. זשאַנע מיט'ן פאָטער
זיינען אוועק בעזוכען איפּאָרט. זיי זיי־
נען ניט געווען אין שטעדטעל, זינט זי
איז געקומען צוריק פון קאָרסיקאַ. זיי
איז אויסגעקומען דורכצוגעהן דעמזעל־
בען וועלדעל, אין וועלכען זיא האָט

שפּאַציערט מיט זשוליאַן'ען, אויף מאָר־
גען נאָך זייער חתונה. דאָס איז געווען
דאָרט, וואו ער האָט זיא דעם ערשטען
מאָהל אומאַרעמט. דאָרט האָט זי זיך
דאָס אזוי צוגעטוליעט צו זיין אָרעם
און איהר נשמה האָט זיך צוגעבונדען
צו זיינער, וועמעס לעבענס־שותפ'טע זי
איז געוואָרען אויפ'ן גאַנצען לעבען.
אויף דעמזעלבען וועג איז זיא געגאַנגען,
ווען זיא האָט אָנגעהויבען צו שווידערן
פון דער אהנונג פון ליעבע, וועגען וועל־
כע זיא האָט קיין ידיעה ניט געהאַט ביז
וואַנען זייערע ליפּען האָבען זיך בעגע־
גענט לעבען דעם קוואַל אין דעם טהאָל
פון אָטאַ אין קאָרסיקאַ. דיא בוימער
זיינען איצט געווען נאַקעט און עלענד.
דיא קוסטעס זיינען געווען אָהן בלעטער.
אַלעס איז געווען איינגעשמידט אין
פראָסט, וועלכער האָט געהערשט אומ־
מעטום.

זיי זיינען געקומען אין שטעדטיל.
די גאַסען זיינען געווען שטיל און פּוסט.
לעבען דיא טיהרען פון דיא הייזלעך זיי־
נען געווען אויסגעצויגען פיש־נעצען צום
טריקענען, און דער ריח פון ים־גראָז
האָט געריסען די נאָזלעכער. דאָס שטענ־
דיגע ברויזען פון ים האָט זיך געהערט
פון דער ווייטענס. אויפ'ן ברעג זיינען
געלעגען איבערגעקעהרטע פישער־שיפּ־
לעך און זיי האָבען אויסגעזעהען וויא
גרויסע טויטע פישען. עס איז שוין גע־
וואָרען דונקעל און דיא פישער זיינען
געקומען צום ברעג גרופּען־ווייז, טרע־
טענדיג שווער, אָבגעלאָזען, אין זייערע
שטיפעל און גראָבע קליידער, א פלאַש
שנאַפּס אין איין האַנד און א לאַנטערנע
אין דער אנדער האַנד.

זשאַנע און איהר פאָטער האָבען נאָכ־
געקוקט וויא זיי שלעפּען צו די שיפּ־
לעך צום וואַסער, וויא זיי מאַכען זיך
פאַרטיג אוועקצושיפען זיך אין ים. זיי
האָבען זיך בעזעגנט מיט יענער נאָרמאַ־
נישער לאַנגזאַמקייט, וועלכע איז אזוי

כאראקטעריסטיש פאר דיזער ראסע ארייַנשלעפענדיג אין שיפעל די נעץ, בעהאלטענדיג דארט א גרויסען לאבען ברויט, און איינגעוויקעלטען פעקעל פו־מער, א גלאז און א פלאש. ווען אלעם איז געווען פארטיג, האבען זיי דיא שיפלעך אבגעשטופט פון ברעג און סקריפענדיג איבער די שטיינדלעך האַבען זיך אראבגערוקט דיא שיפלעך און דערנאך אוועקגעגליטשט זיך גלאט אויפ'ן וואסער און וואס ווייטער האבען זיי זיך אלץ מעהר געווינגט פון די כוואַליעס ביז זיי זיינען איינס נאך איינס פערשוואונדען פון אויג אין וויטען ים.

דיא ווייבער פון דיא פישער, אין דינע קליידלעך, זיינען געשטאנען און געקוקט וויא זייערע מענער ציהען אוועק אין ווייטען וואסער־וועג און ווען דעם לעצטען שיפעל האט מען שוין מעהר ניט געזעהען, האבען זיי זיך שטיל אומגעקעהרט אהיים, שמועסענדיג אין דער הויך צווישען זיך. דער באראן מיט זשאנען זיינען געשטאנען אויך ביז וואנען אלע פישער זיינען פערשוואונדען אין דער ווייטקייט און זשאנע האט געטראכט וועגען דעם שיקזאל פון דיזע ארעמע הארעפאסניקעס, וועלכע האַבען איינגעשטעלט זייערע לעבענס אין סכנה, יעדע נאכט, פאהרענדיג אויף א פיש־פאנג אלץ בלויז אום צו האבען פון וואנען צו לעבען. וויא ארעם זיי זיינען אז א שטיקעל פלייש איז פאר זיי א זעלטענער מאכל.

—וויא שעהן און דאך וויא שרעקליך איז דער ים! — האט זיך אבגערופען דער באראן — איז עם ניט א פראכט, זשאנעלע?

—יא—האט זיא געענטפערט מיט א טרויערינגען שמייכעל—אבער מיר געפעלט בעסער דער מיטלענדישער מעער.

---

—דער מיטלענדישער? — האט איהר אנגעקוקט דער באראן — פשטא. אז עמער וואסער; אזוי שטיל וויא א טייכעל. קוק אבער אן דעם ים!

— דיינק נור וועגען די מענשען, וועלכע זיינען פערשוואונדען, שטעלענדיג זייער לעבען אין ים'ס געפאהר — האט דער גראף פארטגעזעצט. — זעה דיא כוואליעס אזוי וויא בערג, ווי פחדים'דיג שעהן זיי זיינען!

— דאס איז אמת! — האט זיא געענטפערט, אבער איהרע געדאנקען זיינען גאר איצט געווען אנדערשוואו, ווייט אין יענע מרחקים וואו איהרע הלומות פון ליעבע זיינען בעגראבען געווארען.

שטיל זיינען זיי געקומען אהיים צוריק. קיינער פון זיי האט ניט גערעדט. זייערע הערצער זיינען געווען בעלאדען מיט דעם טרויער פון באלדיגען צושיידען זיך.

— דאס לעבען איז ניט דורכאויס זונען־שיין — האט זיא זיך אבגעזיפצט.

— דאס קען מען ניט אבהעלפען, מיין טהייערסטע — האט דער באראן געענטפערט מיט א זיפץ.

אויף מארגען האט דער באראן מיט זיין פרוי פערלאזען דעם „פאפעל־בוימער" שלאס און זשאנע מיט איהר מאן זיינען פארבליעבען פאר זיך אליין.

# זשאַנעס ענטדעקונג

אלס א צייט פארטרייב האט זשוליאן איינגעפיהרט צו שפּילען מיט איהר אין קאַרטען. יעדען אין־דער־פריה נאָך פריהשטיק פלעגען זיי שפּיעלען און טרינקען עטליכע גלעזלעך קאָניאַק. נאָך דעם פלעגט זשאַנע ארויף צו זיך אין צימער, פלעגט זיך אוועקזעצען לעבען פענסטער, פלעגט טהאָן וועלכע ניט איז האנדארבייט, אויסנעהען, און אין דער צייט וואָס דער ווינד און דער רעגען האָבען געשמיסען אין פענסטער, פלעגט זיא טרוימען און טרוימען. און אין דער ווירקליכקייט האט זיא ניט געהאַט וואָס אנדערש צו טהאָן. זשוליאן האט שוין אלעס בעזאָרגט אום צו בעפריעדיגען זיין פערלאנג צו זיין פאלנער בעל־הבית און אלעס זאָל צוגעהען עקאָנאָמיש. ער איז געווען אזוי קארג, אז אפילו אין עסען האט ער געזעהען צו שפּארען וואָס מעהר. דער בעקער פלעגט ברייגנען א קליינע נארמענישע געבעקס יעדען אין־דער־פריה פאר זשאַנען צו פריהשטיק. זשוליאן האט איינגעפונען, אז דאָס אן אומזיסטע הוצאה און זשאַנע האט געמוזט עסען דעם געוועהנליכען ברויט צו פריהשטיק. זיא האט גארנישט געזאָגט אום אויסצומיידען ערקלעהרונגען און האמפעריי, אבער געליטען האט זיא דערפון יסורים. איהר מאַן'ס קמצנות האט זיך איהר אויסגעוויעזען אלס א בייזער צו'להכעים געגען איהר — א זאַך, וואָס זיא האט ניט געקענט אריבערטראָגען. זיא איז געווען אנדערש אויסגעהאָדעוועט. איהר מוטער פלעגט תמיד זאָגען : „געלד דאַרף קיין מניעה ניט זיין."

זשוליאן איז אבער געווען אקוראַט דער היפּוך ; ער איז קיין מאָל ניט געווען אזוי גליקליך, וויא ווען איהם פלעגט זיך איינגעבען אבצושפּארען נאָך עטליכע גראָשען, האנדלען עפּעס א מציאה. ער פלעגט אָפט זאָגען איהר :

— וועסטו ווען עס איז אויסלעהרנען דעם ווערטה פון געלד ?

מאַנכע טעג פלעגט זיך זשאַנע פארחלום'ען וויא אין דיא אמאָליגע לאַנג פערגאנגענע טעג. זיא פלעגט אוועקלייגען דיא ארבייט און איהרע בליקען פלעגען אוועקוואנדערען ווייט ערגעץ ; אבער באלד פלעגט זיא דערהערען זשוליאן'ס קול, וויא ער קאָמאנדעוועט מיט דעם אלטען סימאָן אדער מיט אַ אנדערן פון דער דינגערשאפט און זיא פלעגט באלד קומען צו זיך. פלעגט ווידער א נעהם טהאָן דיא האנדארבייט און א טרעהר פלעגט אָפט אראבטריפען אויף איהר האנד : מיין גאָט, אלעס, אלעס פערביי.

ראָזאַליע, וועלכע איז אלע מאָל געווען פרעהליך און לייכטזיניג, האט זיך שרעקליך געענדערט. איהרע באַקען, וועלכע זיינען געווען אזוי רונד, אזוי רויט־בליהענד, זיינען געוואָרען בלייך און איינגעפאלען.

— ביסטו קראַנק ? — פלעגט זשאַנע איהר אָפט א פרעג טהאָן.

אבער זיא פלעגט דערויף שטענדיג ענטפערען :

— ניין מאדאם.

און זיא פלעגט אוועקלויפען, רויטווערענדיג.

ענדע יאנואר איז אנגעקומען און דאָס אלטע הויז האט אויסגעזעהען פערלאָזען, איינגעהילט אין א מאַנטעל פון שנעע. זשוליאן פלעגט פארברייגנען זיין צייט אָפט אין קליין וועלדעל הינטערן הויז, נאָכקוקענדיג דיא לעצטע אוועקוואנדערנדע פויגלען. מאַנכע מאָל פלעגט א שאָס אָבהילכען פון וועלדעל אין דער שטילקייט פון ווינטער און א גאנצע מחנה וואראנעס פלעגט אוועקפליהען קראַקענדיג מיט שרעק.

אײן אין דער־פריה װען זשאַנע איז געזעסען אין איהר צימער און געװאַר־רעמט איהרע פיס ביים פײער פון קאַ־מין איז ראַזאַליע אריינגעקומען פאַר־בעטען די בעט. פלוצלונג האט זשאַ־נע דערהערט װיא א טיעפער זיפץ רייסט זיך ארויס פון דער מיידעלס ברוסט. ניט א קעהר טהאָענדיג אפילו דעם קאָפּ צו איהר האט זיא א פרעג געטהאָן:

— װאָס איז? װאָס פעהלט דיר?

— קיין זאך ניט, מאדאם — האט ראַזאַליע װידער געענטפערט װיא איהר שטייגער איז. איהר קול איז געװעזען אזוי שװאך און עפּעס אזוי װייט, אז זשאַנע האט זיך װידער פערטראַכט װע־גען װאָס אנדערעס און װעגען דעם מעהר ניט געדיינקט. אבער ענדליך האט זיא באמערקט, אז די מיידעל איז עפּעס צו שטיל.

— ראַזאַליע! — האט זיא א רוף געטהאָן.

דיינקענדיג, אז ראַזאַליע איז ארויסגעגאַנגען, האט זיא װידער ניט א קעהר טהאָענדיג דעם קאָפּ א רוף גע־טהאָן:

— ראַזאַליע!

זיא האט שוין געװאָלט אויפהױבען זיך און געהען א קלונג טהאָן אום א רוף צו טהאָן זיא, ערשט זיא האט דערהערט א מורא'דיגען קרעכצען און זיא האט דערזעהען ראַזאַליען ליגענדיג אויף דער ערד, קוקענדיג אויף איהר װירטהין מיט שרעקליכע פיינפולע בלי־קען און פערשטיקט מיט איהרע פאַר־שצעמטע צייהנער איהרע שמערצענס־געשרייען:

— ראַזאַליע, װאָס טהוט דיר װעה? זאג מיר! — האט מיטלײדיג איהר גענומען פרעגען זשאַנע.

אבער ראַזאַליע האט ניט געענט־פערט.

זשאַנע האט איצט דערהערט זאָנדערבאַרע געשרייען און האט דער־זעהען װיא עפּעס צאַפּעלט זיך אונטער דעם מיידעלס קלייד. דאן האט זיא דערהערט א לאַנגען, װייענדיגען אויס־געשריי; דער ערשטער געשריי פון שמערץ פון א באַשעפעניס, װאָס טרעט ערשט אריין אין לעבען. זשאַנע האט ענדליך פערשטאַנען. זיא האט גענו־מען לויפען אראב די טרעפּ און רו־פען:

— זשוליאַן! זשוליאַן!

— װאָס איז דאָרטען? װאָס װילסטו! — האט ער געענטפערט פון אינטען.

— דאָס איז ראַזאַליע דאָרט...

זיא האט ניט געװאוסט װיא װיי־טער צו זאָגען.

זשוליאַן איז אַרויפגעלאָפען די טרעפּ, צו צװיי אויף א מאָל און איז אריינגעלאָפען אין צימער. װען ער האט דערזעהען דאָס קליינע עופה'לע, װיא עס צאַפּעלט זיך און שרייט אויף דער ערד נעבען ראַזאַליע, איז זיין פּנים איינגעפאַלען?

— דאָס האט מיט דיר ניט צו־טהאָן — האט ער א זאָג געטהאָן ארויס־שטופּענדיג זשאַנען פון צימער — שיק מיר אהער די קעכין לודוויק און דעם אלטען סימאָן.

זשאַנע איז אראָב אין קיך; זיא האט געציטערט מיט אלע גליעדער, פאַר־טיג צו פאַלען אין א אהנמאכט. און זיא האט מעהר ניט געװאגט אריינצו־געהען צוריק אין צימער. זיא האט געזעהען װיא די דינער לויפען אהין און צוריק, זיי האבען געבראַכט די אלמנה דענטוי, די הייבאם פון דאָרף; דאן האט זיא געהערט אלץ שנעלע טריט ארויף די טרעפּ און אראב די טרעפּ, אזוי װיא זיי װאָלטען עפּעס אראָב־טראָגען, און ענדליך איז זשוליאַן אראבגעקומען און געזאָגט איהר, אז זיא קען אריין צוריק אין איהר צי־מער.



זיא איז אריין אין זיין צימער און אין דעם בלייכען שיין פון דער ליכט האט זיא דערזעהן:
ראזאליע ליעגענדיג אויף זיין בעט, זייט ביי זייט מיט איהם

זיא איז ארויף און האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט ביים פייער און האָט געשווידערט פון קאָפּ ביז דיא פיס אזוי וויא זיא וואָלט געזעהען עפּעס א שרעקליכען אונגליק, וואָס האָט נור וואָס פּאַסירט.

— וואָס מאַכט זיא ? — האָט זיא א פרעג געטהאָן איהר מאַן.

זשוליאַן האָט אויסגעזעהען צוטראָגען און נערוועז, האָט ארומשפּאַצירט פון וואנד צו וואנד היז און צוריק מיט א א פאַרכמארעטען פּנים. ער האָט ניט געענטפערט באלד, אָבער פּלוצלונג האָט ער זיך א שטעל געטהאָן לעבען איהר און האָט א פרעג געטהאָן :

— וואָס רעכענסטו צו טהאָן מיט'ן מיידעל ?

זשאַנע האָט ניט פערשטאַנען וואָס ער מיינט.

— איך פאַרשטעה ניט. וואָס מיינסטו ?

— וואָס הייסט וואָס איך מיין. מיר וועלען דאָך ניט האַלטען אַן אונגעזעצליך געבאַרענעם קינד ביי אונז אין הויז.

זשאַנעס הארץ איז געוועזן גע־ריהרט.

— אָבער, מיין טהייערער, מיר קענען דאָך איהם אוועקגעבען ערגעץ אויפהאָדעווען.

זשוליאַן איז געוואָרען בייז און האָט א געשריי געטהאָן :

— וואָס ? און ווער וועט פאַר'ן קינד צאהלען ? דוא אפשר ?

זשאַנע האָט זיך פערטראַכט וויא צו לייזען דיא פראַגע און ענדליך איז ביי איהר אויסגעקומען :

— דער פאָטער וועט בעצאהלען, און ער וועט דאָך חתונה האָבען מיט ראָזאַליען, דאַן וועט דאָך אלץ זיין וויא עס דאַרף צו זיין.

זשוליאַן האָט זיך א קאַך געטהאָן :

— דער פאָטער ! . . . דער פאָטער ! — האָט ער געשריען — ווייסטו דען ווער דער פאָטער איז ? ניין ? דוא ווייסט ניט ! נו . . . נו ! . . .

— אָבער ער וועט דאָך ניט זיין אזוי הארצלאָז אוועקצואוואַרפען זיא — האָט זשאַנע געזאָגט נאַאיוו און פערדרוסליך — ער וועט דאָך ניט זיין אזא פּייגלינג ! קענען מיר דען ניט אויסגעפינען ווער ער איז. מיר וועלען אריבערגעהן צו איהם, ריידען מיט איהם און צווינגען איהם, זאָל ער ערקלעהרען.

זשוליאַן האָט זיך אָבגעקיהלט און האָט אָנגעהויבען ווידער צו געהען היז און צוריק איבער'ן צימער, אָבער שוין רוהיגער.

— מיין טהייערסטע, דוא מאַכסט א טעות. זיא וועט ניט אויסזאָגען ווער ער איז. זיא וועט ניט מיר און ניט דיר ניט זאָגען זיין נאָמען. און וויא איז, למשל, אז ער וועט ניט וועלען מיט איהר חתונה האָבען. מיר קענען דאָך ניט האַלטען זיא ביי אונז מיט אַן אונגעזעצליכען קינד. קענסטו דאָס ניט פאַרשטעהען.

— אזא מענש איז א געמיינער פייגלינג, ווער עס זאָל דאָס ניט זיין — האָט זיא עקשנות'דיג א זאָג געטהאָן — און וואָס הייסט מיר קענען ניט אויסגעפינען ווער ער איז און אויף אזא דאַרף מען קיין רחמנות ניט האָבען.

זשוליאַן איז רויט געוואָרען און האָט נערוועז א זאָג געטהאָן.

— יא . . . יא . . . אָבער דערווייל ביז וואנען וואָס.

זשאַנע האָט ניט געוואוסט וואָס זיא זאָל איהם ענטפערען אָדער וואָס צו טהאָן.

— נו, זאָג דוא וואָס טהוט מען ?

— האָט זיא א פרעג געטהאָן.

— אַ, ווען דוא וואָלסט מיך געפאָלגט וואָלט איך איהר געגעבען עפּעס געלד און ביידען ארויסגעוואָרפען.

זשאַנע איז עמפּערט געוואָרען.

— קיין מאהל ניט. זיא איז דאך וויא מיינע א שוועסטער, מיר האבען זיך אין איינעם אויפגעהאדעוועט און איך ליעב זיא. אמת, זיא האט זיך פערזינדיגט. אבער ארויסווארפען דערפאר וועל איך זיא דאך ניט. ווען נויטיג, וועל איך האדעווען איהר קינד.

— זעהר שעהן. א שעהנעם נאמען וועלען מיר בעקומען! — האט זיך צושריען איהר מאן — לייט זאלען נאך זאגען, אז ביי אונז איז אן אכסניא פון זינד און פון פערברעכען. קיינער וועט מיט אונז קיין מגע ומשא ניט וועלען האבען. ביסטו משוגע צו חסר דעה?

— איך וועל אבער קיין מאל ניט צולאזען, אז זיא זאל זיין ארויסגעווארפען. אויב דוא ווילסט זיא דא ניט האלטען, וועל איך בעטען די מאמען, וועט זיא איהר נעהמען צו זיך. און פריהער אדער שפעטער וועלען מיר דאך אויסגעפינען ווער דער פאטער פון איהר קינד איז.

זשוליאן'ס גרימצארן האט געשטיגען.

— וואס איז דא צו ריידען מיט ווייבער: זיי זיינען דומקעפ, אט וואס!

און ער האט א קלאפ געטהאן פון כעס מיט'ן טהיר ארויסלויפענדיג.

נאכמיטאג איז זשאנע ארויין געוואהר ווערען ראזאליען. דיא הייב־אם דענטו האט געוויגט דאס נייגעבארענע קינד. דיא בלייכע ראזאליע האט זיך צואוויינט. זשאנע האט געוואלט א קוש טהאן דאס קינד, האט זיך אבער צוריק געהאלטען. אבער דיא אלמנה דענטו האט איצט אויפגעדעקט דעם קינד'ס פנים'ל און זשאנע האט זיך אנגעבויגען און איהם אנגעקוסט. ראזאליע האט ניט אויפגעהערט צו וויינען.

א שוואכער פייער האט געברענט אין צימער און עס איז דארט געווען גאנץ קאלט. דאס עופה'לע האט שטארק געשריען. זשאנע האט אנגענומען ראזאליעס שוואכע האנד און האט איינינגע מאל ווידערהאלט מיט רחמנות.

—בערוהיג זיך, טהייערסטע, אלעס וועט זיין איינגעארדענט.

דיא ארעמע מוטער האט א בליק געטהאן אויף איהר קינד אין דער הייב־אם'ס הענד. אין דעם אונרוהיגען בליק איז געווען אויסגעדריקט א שטראם פון ליעבע און זיא האט געשטיקט אין זיך איהרע שלוכצען.

— האב קיין מורא ניט, מיין לעבען — האט איהר געטרויסט אלץ זשאנע. — מיר וועלען אויף איהם גוט אכטונג געבען.

און ווען ראזאליע האט זיך ווידער צואוויינט אויף'ן קול איז זשאנע שנעל ארויס פון צימער. פון דאן אן פלעגט זיא ראזאליען בעזוכען יעדען טאג און יעדען מאל וויא זיא פלעגט אריין פלעגט זיך ראזאליע צושלוכצען. ענדליך איז בעשלאסען געווארען דאס קינד איבערגעבען אין דארף צו א פאמיליע, דארט צו האדעווען זיך.

זשוליאן האט געפראוועט ברוגז מיט זיין ווייב, אזוי וויא זיא וואלט איהם אנגעטהאן א גרויסע קריוודע, פאר וואס זיא האט ניט ארויסגעווארפען פון הויז ראזאליען. אין א פאאר וואכען ארום האט ער איין טאג אנגעהויבען ווידער מיט איהר צו ריידען, און טאקע וועגען דעמזעלבען עניין. זיא האט אבער אלס ענטפער ארויסגענומען א בריעף, וועלכען זיא האט ערהאלטען פון איהר מוטער, וועלכע בעט, אז זיא זאל איהר צושיקען ראזאליען טאקע באלד, אויב זיי ווילען איהר ניט האלטען אין „פאפעל־בוימער“.

— דיין מאמע איז אזוי גוט וויא דוא — האט ער מיט כעס א געשריי געטהאן, און האט מעהר וועגען דעם ניט גערעדט.

ראזאליע איז שוין פעהיג געווען ווידער צו ארבייטען און איין טאג האט זשאנע איהר אוועקגעזעצט לעבען זיך, האט אנגענומען איהרע ביידע הענד און קוקענדיג איהר גלייך אין די אויגען, האט זיא געבעטען:

— קום, ראזאליע, דערצעהל מיר; זאג מיר אלעס.

— וואס, מאדאם?

— ווער איז דער פאטער פון'ם קינד?

טרעהרען האבען זיך געגאסען פון'ם מיידעלס אויגען און זיא האט זיך גע־וואלט אויסדרעהען. אבער זשאנע האט זיא באדעקט מיט קוסען, זאגענ־דיג:

— האב ניט מורא, טהייערינקע, מיר אללעס דערצעהלען. דוא ביסט געווען שוואך, איך וויים, אבער דוא ביסט דאך ניט די ערשטע מיט וועמען עס טרעפט אזא אונגליק. און אויב דער פאטער פון דיין קינד וועט מיט דיר הייראטהען, דאן וועט אלעס פארגע־כען ווערען.

זשאנעס ווערטער האבען געמאר־טערט ראזאליען, וועלכע האט געזוכט אויף אלערליי אופנים אויסצוקעהרען זיך פון אן ענטפער.

— איך וויים וויא דוא מוזט פיה־לען — האט זיך געבעטען ביי איהר זשאנע. קיינער פיהלט מיט דיר ניט אזוי וויא איך. איך פארשטעה, אז דוא מוזט זיך שעהמען, אבער דוא זעהסט דאך, איך בין דאך אויף דיר ניט אין כעס. ווען איך פרעג ביי דיר זיין נאמען איז דאך דאס ניט פון מיינט־וועגען, נור פון דיינטוועגען. איך דער־קען פון דיינע טרעהרען, אז ער וויל ניט טהאן זיין פפליכט, אבער איך וועל דאס ניט דערלאזען. זשוליאן וועט איהם אויפזוכען און מיר וועלען איהם צווינגען ער זאל מיט דיר הייראטהען: דוא וועסט בלייבען מיט איהם ביי אונז און איך וועל שוין זעהען, אז דוא זאלסט פאר איהם גליקליך זיין.

ראזאליע האט זיך נאך שטארקער צושלוכצעט און איז ארויסגעלאפען פון צימער, אזוי וויא זיא וואלט וואהנזיניג געווען.

זיצענדיג דעמזעלבען פארנאכט ביים טיש מיט איהר מאן, האט זשאנע דער־צעהלט וועגען דעם איהר מאן און גע־בעטען איהם, אזוי וויא ראזאליע וויל ניט אויסזוכען, זאל ער אליין זוכען אויסצוגעפינען ווער דער מאן איז וואס האט פארפיהרט דאס ארעמע מיידעל.

— לאז מיך צורוה! — האט ער בייז א געשריי געטהאן — איך וויל דערפון מעהר ניט הערען. דאס האסטו דאך געוואלט זיא זאל בלייבען, ווען איך האב געשריען, אז מען דארף זיא ארויסטרייבען. נו, טא האלט זיך מיט איהר. איך וויל פון קיין זאך ניט וויסען.

זינט ראזאליע האט געבוירען דאס קינד, איז ער עפעס געווארען נערווע־זער, אויפגערעגטער און וויא ער פלעגט נור אנהייבען ריידען צו זשאנען פלעגט ער שוין שרייען, איז געווען אויפגע־רעגט איידער זיא האט נאך צייט גע־האט ענטפערען א ווארט. זיא אבער האט, פארקעהרט, גערעדט צו איהם נאך ווייכער, נאך זאנפטער איידער פריהער און האט געגעבען זיך תמיד די מיה ניט צו בריינגען צו קיין קרי־געריי, צו קיין האמפעריי. זיא פלעגט נור אין דער שטיל, פאר זיך אליין אויסוויינען זיך, וויינען א מאל אזוי לאנג ביז זיא פלעגט איינשלאפען.

ניט קוקענדיג אבער וואס זשוליאן איז געווען שטענדיג נערוועז און אין כעס, האט ער פון דעסטוועגען עפעס אנגעהויבען זיין נאהענט צו איהר וויא אמאל. האט געצאהלט איהר מעהר אויפ־מערקזאמקייט; קיין דריי טעג פלע־גען ניט אוועק, ער זאל ניט בעזוכען

זיא אין איהר צימער איידער ער געהט צו זיך שלאָפען. און עפּעס פּלוצלונג איז ער געוואָרען בעזונדער צערטליך צו איהר און זיא האָט זיך דערפון געפיהלט גליקליכער איידער זיא איז געווען; יעדענפאַלס ניט אַזוי אונגליקליך. נייע האָפנונגען האָבען זיך אין איהר ערוועקט; אָבער זיא האָט עפּעס געאהנט אַן אונבעוואוסטען שרעק.

מיט אונגעדולד האָט זשאַנע ערוואַרט ווען דער פריהלינג וועט ווידער קומען. זיא האָט זיך עפּעס געפיהלט שוואַך און קרענקליך און האָט געמיינט אַז דאָס קומט פון'ם קאַלטען וועטער. צייטענווייז האָט זיא ניט געקענט עסען. קיין אַפּעטיט; איהר האָט אָבגעשטויסען אַפילו דער אַנבליק פון שפּייז, און צייטענווייז פלעגט זיך אין איהר ערוועקען אַזא אַפּעטיט, אַז זיא פלעגט עפּעס עסען וויא ניט אין זיך, האָט ניט געקענט זאַט ווערען. איהרע נערווען זיינען געווען צוריטעלט און שטענדיג גערייצט, אונמעגליך צו בערוהיגען זיך.

אין איין קאַלטען אָבענד האָט זשוליאַן פערלאָזען דעם עס־טיש בעקלאָגענדיג זיך, אַז ער פיהלט זעהר קאַלט. זיא איז אַוועק אין איהר שלאָפצימער, פיהלענדיג עפּעס ניט אין גאַנצען.

זשאַנע איז געגאַנגען פריה שלאָפען און זשוליאַן האָט געשיקט אַ דינער צו מאַכען פייער ביי איהר אין צימער (אַ זאַך, וועלכע ער האָט פריהער קיין מאָל ניט געטהאָן) און ווען דער דינער האָט איהם געלאָזט וויסען, אַז פייער איז געמאַכט האָט ער אַ קוש געטהאָן זיין ווייב אין שטערען און איז אַוועק צו זיך.

דאָס גרויסע הויז האָט אויסגעזעהען דורכגעדרונגען מיט קעלט און זשאַנע איז געלעגען אין בעט און האָט געציטערט, האָט זיך ניט געקענט דערוואַרעמען. זיא איז אַ פּאָר מאָל אויפגעשטאַנען אונטערצואוואַרפען אַ שייטעל האָלץ אין קאַמין, אָבער זיא האָט אַלץ געפיהלט דורכגענומען פון קעלט; איהר האָט געקלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן; איהר הארץ האָט עפּעס דאָס קעלט פאַרדריקט און זיא האָט געפיהלט אַזוי וויא איהר וואָלט פעהלען אָטהעם, אַזוי ווי זיא וואָלט האַלטען ביים, שטאַרבען. זיא האָט קיין מאָל בעפאַר אַזוי ניט גענעפיהלט. זיא האָט זיך צושראָקען פאַר זיך אַליין: אפשר שטאַרב איך!
— איז איהר אַרויף אויף'ן זינען.

אַ צומישטע פון שרעק פון דיעזען געדאַנק האָט זיא אַ קלונג געטהאָן דעם גלעקעל אַריינצורופען ראָזאַליען. זיא קלינגט און קלינגט און ראָזאַליע ווייזט זיך ניט. מסתמא שלאָפט ראָזאַליע אַזוי שטאַרק, אַז זיא הערט ניט. און זשאַנע, שיער פאַלענדיג אין אונמאַכט, איז אַ באָרפוסע אַוועק צו ראָזאַליעס צימער. געפינענדיג דיא טהיר אָפען האָט זיא אַ רוף געטהאָן:
— ראָזאַליע!

אָבער קיין ענטפער. זיא איז אַריין אינווייניג און צוגעהענדיג צום בעט, האָט זיא דורכגעפיהרט מיט'ן האַנד איבער דיא בעט־געוואַנד אין דער דונקעלהייט — דיא בעט איז ליידיג און קאַלט. זיא איז געווען ערשטוינט. וואָס? איז זי אַרויס דרויסען? אין אַזא וועטער? איהר הארץ האָט אָנגעהויבען נאָך שטאַרקער צו קלאַפּען; איהרע פיס האָבען זיך געבויגען, ווען זיא איז געגאַנגען צוריק, געהענדיג אויפוועקען פיעלייכט זשוליאַנען, אַזוי וויא אַט אַט וועט זיא אומפאַלען. זיא איז געווען זיכער, אַז זיא איז עפּעס אין געפאַהר. איז דאָס דער טויט אָדער דאָס קומט אַז אונמאַכט? זיא מוז איהם אויפוועקען איידער זיא פאַלט אַנידער.

זיא איז אַריין אין זיין צימער און אין דעם בלייכען שיין פון דער ליכט

האָט זיא דערזעהען ראָזאַליע ליגענדיג אויף זיין בעט, זייט ביי זייט מיט איהם. א שרעקליכער געשריי האָט זיך פון איהר ארויסגעריסען.

פון איהר געשריי האָבען זיי זיך ביידע אויפגעכאַפּט און געבליעבען זי־צענדיג.

זיא איז געשטאַנען אַ מינוט א פארשטיינערטע. פּלוצלונג האָט זיא גענומען לויפען ; צו איהר צימער איז זיא געלאָפען. זשוליאַן האָט זיא גערופען און דערהערענדיג זיין שטימע האָט איהר אַנגעכאַפּט אַן אימה.

וויא קען זיא הערען זיין קול ? וויא קען זיא אַנקוקען איהם, וויא קען זיא צוהערען זיך וויא ער וויל זיא נאַ־רען ? ניין, זיא קען ניט !

דיעזער געדאַנקען האָט איהר גע־געבען כח און זיא איז געלאָפען, שנע־לער וויא ווען עס איז אין איהר לעבען איז זיא איצט געלאָפען. אַראָב דיא טרעפּ, א בארפוסע, אין איהר נאַכט־העמד בלויז. זיא איז געלאָפען ניט אכטענדיג אויף קיין געפאהר, בע־פאלען בלויז פון איין געדאַנק, צו אנטלויפען, אנטלויפען פון אלעס ; קיין זאך ניט הערען ; קיין זאך ניט וויסען !

ווען זיא איז געווען שוין אראָב דיא טרעפּ איז זיא געבליעבען זי־צען אויפ'ן לעצטען טרעפּעל צומישט און צוטומעלט.

זשוליאַן האָט זיך גיך אַנגעטהאָן און ווען ער איז שוין געווען ביי דיא טרעפּ איז זיא אויפגעשפּרונגען און האָט גענומען לויפען ווייטער.

— זשאַנע, הער ! — האָט ער גע־שריען ; אבער זשאַנע איז געלאָפען. ניין. זיא וועט ניט הערען, זיא וועט איהם ניט לאָזען אַנרהרען זיך אַן איהר.

זיא איז דורכגעלאָפען דיא קאָרי־דאָרען און איז אריינגעלאָפען אין עסס־צימער ; ניט זעהענדיג קיין אַנדער פּלאַץ וואו צו בעהאַלטען זיך, איז זיא אונטערגעקראָכען אונטערן טיש. זשוליאַן נאָך איהר מיט א ליכט אין דער האַנד האָט גערופען :

— זשאַנע ! זשאַנע !

זיא איז ארויסגעלאָפען פון אונ־טערן טיש און אריינגעלאָפען אין קיך. ווי א געיאָגטע, צושראָקענע חיה'לע איז זיא געלאָפען, זוכענדיג וואוהין צו ענטרינען.

זשוליאַן איז שוין געווען נאָהענט לעבען איהר. האָט זיא שיער אָנגע־כאַפּט, אָבער זיא האָט א שטוים געטהאָן דיא טהירעל פון גארטען און איז געפלויגען אין דער טיפענים פון נאַכט.

וואהנזיניגערהייט איז זיא געלאָפען ווייטער און ווייטער, ווילעוויז זינ־קענדיג אין שנעע ביז דיא קניע, דורך דעם גאַרטען, איבער גראַבענס, אין פעלד מיט שנעע.

זיא האָט ניט געפיהלט דיא קעלט, הגם זיא איז געווען כמעט נאַקעט, זיא האָט קיין זאך ניט גע־פיהלט. דיא בעריהרונג פון דעם פראָסטיגען שנעע אונטער דיא פיס האָט איהר וויא צוגעגעבען מעהר כוחות, מעהר קוראזש. אנטלויפען, ענטרי־נען איז געווען איהר איינציגער גע־דאַנק אין קאָפּ.

קיין לבנה איז ניט געווען דיעזע נאַכט, אָבער דיא שטערען האָבען ליכ־טיג געשיינט אין קלאָהרען, קאַלטען הימעל, בעלייכטענדיג איהר וועג, העלפענדיג איהר ענטרינונג אין דער נעכטליכער שטילקייט. פעסטער איז זיא געלאָפען, פערהאַלטענדיג דעם אטהעם, ניט ארומקוקענדיג זיך, אהן אַ שום זינען.

פּלוצלונג איז זיא צוגעקומען צום ברעג פון פעלזען־באַרג און האָט זיך אינסטינקטיוו אָבגעשטעלט.

אויפ'ן רעכטען פעלזען־ברעג איז זיא זיצען געבליעבען, איהר קאפ אין דיא הענד און דיא צולאזענע האאר פלאטערנדיג פון ווינד, אהן א שום געדאנקען, אהן שום פיהלען. א לאנ־גע צייט איז זיא דארט געזעסען אין זעלבען צושטאנד, אונבעוועגט.

אויף איין מאל האט איהר גאנ־צער קערפער, פון קאפ ביז דיא פיס, אנגעכאפט א קאנוואולסיוועס ציטער־רען; עס האט זיא געטרויסעלט, גע־שוידערט, געווארפען, און דאן איז איהר זינען געקומען, קלאהרער און דייטליכער איידער ווען עס איז. ביל־דער האבען פארגעשוועבט בעפאר איהרע אויגען. ערינערונגען נאך ערינערונגען. דיא רייזע אין פאטער לאסטיקס שיפעל, זייער געשפרעך ווע־גען אלערליי אנגענעהמע פוסטע זאכען, דיא ערשטע אהנונג פון ליעבע, וואס זיא האט צו איהם דערפיהלט און דאן דיא סצענע ביים שיפעל.

דיא זכרונות האבען נאך אויפ־געבלעטערט דאס פריהעריגע בעפאר דעם. דעם טאג פון איהר אנקומען אין „פאפעל־בוימער" האט זיך אויפ־געבלעטערט אין איהר זכרון, און איצט איז אלעס, אלעס, אלעס פערביי! איהר לעבען איז צושמע־טערט. ניטא מעהר קיין פרייד פאר איהר; מעהר וויא דיא יסורים פון זשוליאן'ס אבנארען זיא און אייביגע ליידען. ליידען האט זיא דאך ניט וואס צו ערווארטען.

בעסער דער טויט; דאן וועט זיין אלעס אריבער!

פלוצלונג האט זשוליאן'ס קול אבגעקלונגען אין דער שטילער נאכט־לופט:

— דא, דא, גיכער, אט איז א כליאד פון טריט, אהער!

א, זיא קען ניט, זיא וועט איהם ניט אנקוקען מעהר. צו־פוסען, אונטען ברויזט און קרעכצט דער גרויסער ים, און דיא כוואליעס, וואס קלאפען אין פעלזען־ברעג רופען זיא: קום!

זיא האט זיך אויפגעשטעלט, פאר־טיג א שפרונג צו טהאן, דאס לעצטע ווארט פון שטארבענדען איז געווען אויף איהרע ליפען, דאס זיסע ווארט, וועלכען א יונגער זעלנער מורמעלט מיט זיין שטערבענדען אטהעם: „מו־טער!"

אין דיעזער רגע האט דאס גע־שטאלט פון איהר מוטער, א וויינענדע, פארגעשוועבט פאר איהרע אויגען.

אט זעהט זיא דעם פאטער אויף דיא קניע לעבען איהר טויטען קערפער און אין דיעזער איין מינוט פון טויט־שמערצן האט זיא דורכגעלעבט דיא יסורים, וואס זיי וואלטען האבען, ווען זיי וואלטען זיא פארלירען. זיא איז אז אונמעכטיגע אנידערגעפאלען אויף צוריק אין שנעע.

און ווען זשוליאן איז צוגעקומען צו איהר און נאך איהם סימאן און מא־ריוס, ווען זיי האבען זיא אבגעשלעפט אויף צוריק, אזוי ביים סאמע ברעג איז זיא געלעגען, האט זיא זיך שוין ניט געראנגעלט; זיי האבען שוין גע־קענט טהאן מיט איהר וואס זיי ווילען. זיא האט נאך געפיהלט וויא זיי טרא־גען זיא, וויא זיי לייגען זיא אוועק אין בעט, וויא זיי רייבען איהר קער־פער מיט הייסע האנטיכער און דאן— אויס!

דאן א לאנגע נאכטוואנדלונג . . .

איז דאס געווען א נאכט־וואנדלונג? זיא האט געמיינט אז זיא איז אין איהר אייגענעם צימער, אז זיא איז ביי זיך אין בעט, אז עס איז גרויסער ליכטי־גער טאג, אבער זיא קען זיך ניט אויפ־הויבען, און זיא האט זיך געוואונ־דערט פארוואס. איהר האט זיך גע־דוכט, אז זיא הערט א לייכטען סקראבס־קען. זיא האט א קוק געטהאן, ערשט

דאָס איז אַ קליין מייזעל, אַ גרויע מייזעל קריכט אויף איהר בעט, קריכט צו איהר. זיא האָט זיך ניט געשראָקען. אַט קומט אַ צווייטע, אַ דריטע און זיי געהען אַלע צו איהר. זיא האָט גאָר קיין מורא ניט פאר זיי. זיא וויל זיי נור אַ כאַפּ טהאָן, אָבער זיא קען ניט. דאַן זיינען זיי געקומען גאַנצע צעהנדליגע, הונדערטע, טויזענדע, פון אַלע זייטען קומען זיי; זיא קען פיהלען וויא זיי פויזען ארום איבער איהר גאַנצען קערפּער. זיא ראַנגעלט זיך אָנצוכאַפּען איינע, אָבער זיא קען ניט. זיא האָט אַ געשריי געטהאָן און וויל נעהמען לויפען, אָבער אימיצער האַלט זיא, און זעהען זעהט זיא קיינעם ניט.

וויא לאַנג איז זיא געלעגען אין אַזאַ צושטאַנד האָט זיא אַליין ניט געוואוסט.

ענדליך איז געקומען דאָס ערוואַכען. זיא האָט לאַנגזאַם געעפענט איהרע אויגען, און איז גאָר ניט געווען איבערראשט, ווען זיא האָט דערזעהען איהר מוטער זיצענדיג לעבען איהר בעט. אַ גרויסער מאַן, וועלכען זיא האָט קיין מאָל פריהער ניט געזעהען, איז געזעסען לעבען איהר מוטער און גערעדט.

— איהר זעהט, זיא איז ווידער ביים בעוואוסטזיין — האָט ער געזאָגט.

און איהר מוטער האָט זיך צורווינט.

— בערוהיגט זיך, מאַדאַם, איך בעט אייך — האָט געזאָגט דער גרויסער מאַן — איך גיב אייך מיין וואָרט, אַז זיא איז ארויס פון געפאַהר. אָבער הויפּטזעכליך בעט איך אייך, באַוועגט זיא ניט צו ריידען. זאָל זיא שלאָפען.

זשאַנע האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זיא איז דאָרט געלעגען אַ לאַנגע צייט איז אַ צושטאַנד פון האַלב־בעוואוסטזיין און אַז זיא איז ניט אים שטאַנד געווען צו טראַכטען. זיא האָט ניט געוואָלט טראַכטען. אַ טומאַנע פאַרשטעלונג פון דער וואַרהייט האָט אַ בליין געטהאָן אין איהר זינען, און זיא האָט מורא געהאַט צו דערזעהען דיא ווירקליכקייט.

ווען זיא האָט זיך אויפגעכאַפּט אין איין פריהמאָרגען, איז איהר בליק געפאַלען אויף זשוליאַן, וועלכער איז געזעסען לעבען איהר בעט, און זיא האָט אין דעם אויגענבליק זיך דערמאָנט אַלעס. אַ שרעקליכער שמערץ האָט איהר אַ שניט געטהאָן אין הארצען, און ווידער האָט איהר אָנגעכאַפּט דער וואונש צו לויפען, אַנטלויפען. זיא האָט אַ שאַר געטהאָן דיא דעקע אָן אַ זייט און איז ארויסגעשפּרונגען, אָבער איהרע פיס האָבען זיא ניט געקענט אויפהאַלטען. זשוליאַן איז צו איהר צוגעלאָפען, אָבער זיא האָט געשריען און געראַנגעלט זיך. זיא האָט פון איהם אָבגעצויגען זיך מיט אַ מין טויט־שרעק, טאָמער וועט ער זיא אָנריהרען.

טאַנטע ליזאַן און דיא אַלמנה דענטו זיינען ארויפגעלאָפען דיא טרעפּ און נאָך זיי דער באַראָן און דיא באַראָנין, דיא לעצטע אין גאַנצען אָהן אטהעם מיט אַ שרעק אין דיא אויגען. זיי האָבען זיא אריינגעלייגט צוריק אין בעט און גלייך האָט זיא פערשלאָסען איהרע אויגען, גלייך אַזוי וויא זיא וואָלט געשלאָפען. זיא האָט ניט געוואָלט ריידען; זיא האָט געוואָלט טראַכטען אונגעשטערט.

איהר מוטער און טאַנטע ליזאַן האָבען זיך צוגעבויגט צו איהר; זיי האָבען זיא אונרוהיג געפרעגט:

— הערסטו אונז, זשאַנינקע?

אָבער זיא האָט ניט געענטפערט. זיא איז געלעגען אַזוי וויא זיא וואָלט גאָרנישט געהערט.

דער אָבענד איז אָנגעקומען און זיא האָט געזעהען וויא דיא וואַכטערקע האָט פערנומען איהר פּלאַטץ לעבען איהר בעט. זיא האָט געטרונקען אָהן

ווערטער וואָס דיא וואכטערקע האָט איהר צוגעטראָגען און איז געבליעבען ליגען ווידער אויף איהר קישען. גע־שלאָפען האָט זיא ניט; זיא האָט נור געטראכט.

זיא האָט געזוכט צונויפצובינדען אין איהרע געדאנקען בעזונדערע פונק־טען, בעזונדערע פאסירונגען, וועלכע זיא האָט עפּעס פארגעסען. ביסלעכווייז איז דער טומאַן פון איהרע געדאנקען קלעהרער געוואָרען און אלעס איז געקו־מען אין איהר זינען צוריק. זיא האָט זיך עקשנות'דיג אָבגעשטעלט אויף יע־דער פאקט און האָט איהם גוט בע־טראכט. זיי זיינען אלע דאָ, איהר מו־טער, איהר פאָטער און טאנטע ליזאָן, דאָס ווייזט אז זיא האָט געמוזט זיין זעהר קראנק.

האָבען זיי עפּעס געוואוסט? וואָס האָט זיי זשוליאן געקענט דערצהלען? און ראזאליע — וואו איז זיא? וואָס ועט זיא איצט טהאָן? וואָס קען זיא טהאָן?

א פּלוצלונגער רעיון איז איהר ארויפגעקומען. זיא וועט פאָהרען צוריק קיין רוען און וועט דאָרטען לעבען צו־זאמען מיט איהר פאָטער און מוטער אזוי וויא א מאָל.

וואָרום ניט? זיא וועט זיין אַ גרושה, דאָס איז אלעס. און זיא האָט זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צו אלעס וואָס געהט פאָר ארום איהר; זיא האָט אלעס קלאָהר פערשטאנען, אָבער האָט זיך פארשטעלט אלס גלייכגילטיג.

דיעזעלבע נאכט איז זיא ענדליך געבליעבען אליין מיט איהר מוטער, און זיא האָט געמורמעלט:

— מוטער טהייערע!

וויא געענדערט עס האָט זיך איהר שטימע; זיא קען אליין איהר קול קוים דערקענען.

דיא באראָנין איז צומישט געוואָ־רען. זיא האָט א כאפּ געטהאָן איהר טאָכטער'ס הענד:

— טאָכטערל, טהייערע! מיין טהייערע זשאנינקע! דערקענסט דוא מיך ווירקליך?

— יא, מאמינקע. אָבער דו זאָלסט ניט וויינען. מיר האָבען זעהר פיעל וועגען וואָס צו ריידען. האָט דיר זשוליאן געזאָגט, פאר וואָס איך בין אנטלאָפען יענע נאכט?

— יא, מיין לעבען. דו ביסט גע־ווען געפעהרליך קראנק.

— איך ווייס, מאמע, איך האָב דערנאָך בעקומען א היץ־קראנקהייט. האָט ער דיר געזאָגט, וואָס האָט מיר געבראכט אזא היץ־קראנקהייט און פאר וואָס בין איך אנטלאָפען? — האָט נאָך אמאָל איבערגעפרעגט זשאנע.

— ניין, מיין לעבען.

— נו, דאָס איז געווען דערפאר וואָס איך האָב געפונען ראזאליען אין זיין צימער.

דיא באראָנין האָט געמיינט, אז זיא האָט ווידער אָנגעהויבען ריידען פון היץ. און זיא האָט געזוכט צו בע־רוהיגען זיא.

— זעהסט, מיין קינד, דו ביסט זעהר מיעד; בעסער שלאָף איין, מיין לעבען — האָט זיא איהר אָנגעהויבען איינריידען.

אָבער זשאנע איז געווען פער־עקשנ'ט.

— דוא מיינסט, אז איך רייד פון היץ; אָבער דוא האָסט א טעות, מאמע, איך בין קלאָהר, בין ביים זינען; איך פלוידער ניט אזוי וויא ווען איך בין געווען אין פיבער. דיא נאכט, אין וועלכער איך בין אנטלאָפען, האָב איך געפיהלט זעהר קראנק און איך בין גע־גאנגען צו איהם אין צימער אויפצו־וועקען איהם. ערשט איך זעה, ראזאליע איז מיט איהם דאָרט. איך האָב מיין זינען פערלאָרען און בין ארויסגעלאָפען, בין געלאָפען אין טיעפען שנעע, האָב זיך געוואָלט אראָבשליידערען פון דיא פעלזען.

— יא, מיין קינד, דוא ביסט גע־ווען זעהר קראנק — האָט געזאָגט דאָס איהרִיגע ווידער דיא באראָנין.

— אָבער איך זאָג דאָך דיר, מאמע, טהייערע, מאמינקע; איך האָב געפונען ראזאליע מיט זשוליאנען, און איך וועל

מיט איהם מעהר ניט לעבען. וועסט מיך נעהמען צו אייך קיין רוען, איך וויל וואָהנען מיט דיר און מיט'ן טאַטען צוזאַמען. וועסט דוא, מאַמע?

דיא באַראָנין האָט מורא געהאַט אויפצורעגען זיא, צו זאָגען עפּעס דאַגעגען, ווידערשפּרעכען איהר. דער דאָקטאָר האָט דאָך גערעאַטהען, אַז מען זאָל זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט איהר דעריין. און דיא מוטער האָט ניט ווידערשפּראָכען איהר.

— יא, מיין לעבען, — האָט זיא איהר בלויז געענטפערט.

אָבער זשאַנע איז געוואָרען אונגעדולדיג.

— איך זעה, אַז דוא גלויבסט מיר ניט, מאַמע. ברייננ מיר דעם טאַטען; ער וועט מיך פאַרשטעהן.

דיא באַראָנין האָט זיך שווער אויפגעהויבען און מיט דער הילף פון דיא צוויי שטעקלעך אויף וועלכע זיא האָט זיך אָנגעלעהנט געהענדיג איז זיא ארויס, שלעפּענדיג איהרע קראַנקע פיס נאָך זיך. אין אַ ווייל ארום איז זיא געקומען צוריק אָנגעלעהנט אויף דעם באַראָנ'ס אַרעם.

זיי האָבען זיךביידע אוועקגעזעצט לעבען בעט און זשאַנע האָט זיי אַלעס דערצעהלט. לאַנגזאַם, קלאָהר, מיט אַ ריינער שטימע האָט זיא דערצעהלט זיי וועגען זשוליאַנ'ס גראָבען כאַראַקטער, וועגען זיין בייזקייט, וועגען זיין שלעכטסקייט און צום סוף וועגען זיין אונטריהייט.

דער באַראָן האָט געזעהען אַז זי איז ביים פולען זינען, אָבער ער האָט ניט געוואוסט וואָס איהר דערויף צו ענטפערען אָדער וואָס צו טהאָן.

ער האָט אָנגענומען איהרע הענד אין זיינע און האָט צערטליך גערעדט צו איהר.

— הער זיך צו, מיין קינד, מיר דאַרפען זיין פאָרזיכטיג, באַראַכט און ניט האַנדלען צו ראַש. זעה, טראָג אריבער ביז מיר וועלען זעהען וואָס מיר קענען טהאָן. פאַרשפּרעך מיר, מיין לעבען, אַז דוא וועסט זיין איינגעהאַלטען.

— איך פאַרשפּרעך דיר, פּאַטער, אָבער איך וועל דאָ ניט בלייבען ווען איך וועל געזונד ווערען.

זיי האָבען געשוויגען.

— וואו איז ראָזאַליע? — האָט זיא אַ פרעג געטהאָן.

— באַרוהיג זיך, מיין קינד, דוא וועסט זיא מעהר ניט זעהען.

— אָבער וואו איז זיא? זאָג מיר

—איז צוגעשיקט זשאַנע.

דער באַראָן האָט איהר דאַן ערקלעהרט, אַז ראָזאַליע איז געבליעבען אין הויז, אָבער ער האָט זיא פאַרזיכערט, אַז זיא וועט פערלאָזען דאָס הויז.

ווען זיי זיינען ארויס פון איהר צימער, איז דער באַראָן געווען שרעקליך אויפגעבראַכט. ער איז געווען אונגעהייער געקריינקט פון דער בעהאַנדלונג וואָס זיין קינד האָט געהאַט פון איהר מאַן. ער איז געווען טיעף אָנגעגריפען. ער איז געגאַנגען גלייך צו זשוליאַנען אין צימער און האָט איהם אַ זאָג געטהאָן שניידענד:

— מיין הערר, איך בין געקומען פאָדערען אַן ערקלעהרונג וועגען אייער אויפפיהרונג און בעהאַנדלונג פון מיין טאָכטער. איהר זייט געווען איהר אונטריי, און מיט וועמען, מיט איהרע אַ דיענסט, וואָס איז נאָך שלימער.

זשוליאַן האָט זיך נעמאַכט אַזוי ווי ער וואָלט איבערראַשט געוועזן. ער האָט געלייקענט שטיין און ביין. ער האָט געשוואָרען, אַז עס וויים ניט פון וואָס צו זאָגען; ער איז אונשולדיג, דאָס שווערט ער ביי אַלעס וואָס איז הייליג. דערצו איז דאָך כתם גערעדט. וועלכע בעווייזע האָט מען דאפיר? זשאַנע איז ניט ביים זינען. זיא האָט דאָך געליטען פון מאָרך־ענטצינדונג. והא ראיה, זיא איז אַזוי ניט געווען ביים זינען, אַז זיא איז אין מיטען נאַכט, אין אַ פראָסט ארויסגעלאָפען אַ נעקעטע, אַ באָרפוסע אין שנעע. דאָס האָט געטראָפען אַקוראַט דיזעלבע נאַכט, ווען איהר דוכט זיך, אַז זיא האָט געזעהען אַזאַ משונה'דיגע זאַך, ראָזאַ־

ליע אין זיין צימער. דאָס איז אַלץ פון פיבער־היץ.

ער האָט דאָס אַלץ גערעדט אין דער הויך, אויפגעבראכט, עמפּערט וואָס מען מאכט געגען איהם אזעלכע מיאוסע בעשולדיגונגען. ער האָט אפילו געסטראשעט, אז ער וועט אָנקלאָגען זיי פאר פאלשע בעשולדיגונגען.

דער בּאראָן איז געוואָרען צומישט און האָט געבעטען זשוליאַן אום ענטשולדיגונג. ער האָט איהם דערלאַנגט דיא האנד וויזענדיג פריינדשאַפט און טריי־הייט. זשוליאַן האָט זיין האנד ניט גע־וואָלט אָננעהמען, אזוי עמפּערט איז ער כלומרשט געווען.

ווען זשאנע האָט דערהערט וואָס זשוליאן טענה'ט, איז זיא ניט אויפגע־רעגט געוואָרען מעהר און האָט נור רוהיג געענטפערט:

— ער זאָגט ליגען, פאטער, אָבער עס וועט קומען א טאָג, מיר וועלען בע־ווייזען זיין פערברעכען.

צוויי טעג נאָכאנאנד האָט זיא גע־שוויגען. אויף דעם דריטען טאָג האָט זיא געפאָדערט אז זיא וויל זעהען ראָ־זאַליען. אָבער דער באראָן האָט ניט דערלאָזען און האָט איהר געזאָגט אז זיא איז ניטאָ, זיא איז אוועק. זשאנע האָט אָבער געפאָדערט ניט אנדערש, אז מען זאָל זיא געפינען און בריינגען צו איהר. און זיא איז געוואָרען אזוי אויפ־גערעגט, אז זיא האָט זיך שטארק צו־וויינט און געשריען שלוכצענדיג:

— איך וויל זיא זעהען! איך מוז זעהען ראָזאליען.

אין דיזער מינוט איז דער דאָקטאָר אריינגעקומען און דער באראָן האָט איהם אלעס דערצעהלט, פרעגענדיג ביי איהם אן עצה וואָס צו טהאָן.

דער דאָקטאָר האָט אָנגענומען זשא־נעס האנד און האָט איהר א זאָג גע־טהאָן געלאסען, בערוהיגענד, ווייך.

— מאדאם, זייט רוהיג. יעדע אויפ־רעגונג קען זיין געפעהרליך. אייער לע־בען און אויף דאָס לעבען פון דער עופּה'לע אין אייך, איז אין געפאהר דאן. זשאנע איז געווען ערשטוינט און האָט מיט אמאָל דערפיהלט אזוי וויא עטוואס וואָלט זיך בעוועגען אין איהר. זיא איז געלעגען רוהיג, שטיל, האָט ניט געצאָהלט דיא מינדעסטע אויפמערקזאמ־קייט וואָס מען האָט גערעדט לעבען איהר, זייענדיג אליין פערטיעפט אין איהרע געדאנקען.

זיא האָט יענע נאכט ניט געשלאָ־פען. דאָס איינצעלנע מיט וואָס איהר קאָפּ איז געווען פערנומען איז געווען דער געדאנק, אז א קליין קינד וועט ער־שיינען אויף דער וועלט. איהר קינד; זשוליאנס קינד. א שרעק האָט איהר אָנ־געכאפּט און זיא האָט געשוידערט ביי דער פאָרשטעלונג אז דאָס קינד קען אפשר אויסזעהען אזוי וויא זשוליאן.

איין אין דער פריה האָט זיא גע־לאָזט רופען איהר פאטער.

— פאטער, טהייערינקער, — האָט זיא זיך געבעטען — איך מוז אלעס וויסען. אבסאָלוט אלעס, הערסטו? איך בעט דיך, ווידערשפּרעך מיר ניט, ספּע־ציעל איצט, דאָס וואָלט געווען גע־פעהרליך. געה אריבער און רוף דעם גלח. ווען ער וועט דאָ זיין וועט זיך ראָ־זאליע מודה זיין, זיא וועט זאָגען דעם אמת. בריינגט איהם אהער און דו און מאמא זאָל אויך זיין דערביי. אָבער זייט פאָרזיכטיג, אז זשוליאן זאָל זיך ניט דערוויסען, אז ניט וועט אלעס זיין אומזיסט.

אין א שטונדע ארום איז שוין דער גלח געווען ביי איהר אין צימער. ער האָט זיך געזעצט, ניט קענענדיג אָבכאַ־פּען דעם אטהעם פון פעטקייט, האָט גע־סאפּעט שווער, האָט געריבען דעם פאר־שוויצטען שטערען מיט זיין גרויסער קאָלירטער פאטשיילע. ווען ער האָט שוין בעקומען ווידער אטהעם, האָט ער אָנ־געהויבען וויצלען זיך.

— וויא איך זעה, באראָנין, ווערט איהר ניט מאָגערער. איך גלויב, אז מיר וואָלטען ביידע געווען א גוטע פּאָר.

ער האָט זיך דערנאָך א קעהר געטהאָן צו זשאנען:

— וואָס איך הער, יונגע ווייבעלע, מיר וועלען אין גיכען האָבען א מזל־טוב.

הא־הא, דאָס וועט זיין א גוטער באַשיצער פון פאַטערלאַנד... סיידען אפשר א צערטליכע פרוי, א גוטע מוטער, אַזוי וויא איהר אליין, מאַדאַם — האָט ער זיך פערנייגט העפליך פאַר דער באַראָנין.

דיא טהיר האָט זיך געעפענט און ראָזאַליע איז אריין. זיא איז אריינגעשטופּט געוואָרען פון דעם באַראָן, און איז געבליבען שטעהען ביים טהיר. זיא האָט ניט געוואָלט אריינגעהן ווייטער און האָט זיך איינגעשפּאַרט מיט אַלע כוחות. דער באַראָן איז געוואָרען אונגעדולדיג און האָט זיא מיט כעס א שטויס געטהאָן, אַז זיא איז געבליבען אין מיטען צימער. זיא איז געשטאַנען שטיל א ווײַלע, דער פּנים פאַרדעקט מיט ביידע הענד און האָט זיך אַזוי צושלוכצעט, וויא איהר הארץ וואָלט צוריסען געוואָרען.

זשאַנע האָט זיך אויפגעהויבען אין בעט און איהר פּנים איז געוואָרען בלייך אַזוי וויא טויט, ווען זיא האָט דערזעהען ראָזאַליען. איהר הארץ האָט אַזוי געקלאַפּט, אַז זיא האָט ניט געקענט אָטהעמען. זיא איז געווען אַזוי באַוועגט, אַז זיא האָט געפיהלט וויא זיא ווערט דערשטיקט.

ענדליך האָט זיא זיך אָנגעשטריינגט צו ריידען:

— איך... איך דאַרף ניט... האָב ניט וואָס אויסצופרעגען דיך... אויף דיין פּנים... קען מען זעהען דיין פאַרברעכען.. דאָס אליין איז גענוג...

זיא האָט זיך אָבגעשטעלט און אין א ווײַלע ארום ווייטער אָנגעהויבען:

— אָבער איך מוז וויסען אלעס... אלעס. איך האָב געבעטען דעם הייליגען פאַטער, ער זאָל זיין דערביי, אַזוי וועסטו זאָגען דיא ווארהייט... דאָס וועט זיין א וידוי... פערשטעהסטו?

ראָזאַליע איז געשטאַנען אונבעוועגליך, דיא הענד פאַרדריקט. דער באַראָן האָט קוים געקענט איינהאַלטען זיין כעס, האָט א כאַפּ געטהאָן איהר ארעם און האָט זיא א שטעל געטהאָן אויף דיא קניע, זאָגענדיג:

— וועסטו ריידען? ענטפער!

ראָזאַליע האָט געקניעט לעבען בעט און האָט בעהאַלטען איהר געזיכט אין דיא הענד. דער גלח האָט אָנגעהויבען.

— קום, ראָזאַליע, טהו וואָס מען הייסט דיר און ענטפער. מיר וועלען דיר קיין זאַך ניט טהאָן; מיר ווילען בלויז וויסען דיא ווירקליכע פאַקטען.

— איז דאָס ניט אמת — האָט זשאַנע א זאָג געטהאָן אָנבויגענדיג זיך איבער'ן ברעג פון בעט — איז דאָס ניט אמת, אַז איך האָב דיך געזעהען מיט איהם, ווען איך בין אריין יענע נאַכט צו זשוליאַן אין צימער?

—יא, מאַדאַם — האָט געשלוכצעט ראָזאַליע, האַלטענדיג נאָך אַלץ פאַרדעקט זיין פּנים.

דיא באַראָנין האָט זיך שטאַרק צווויינט און איהרע שלוכצען האָבען זיך צומישט מיט דיא שלוכצען פון ראָזאַליע.

— וויא לאַנג איז דאָס אַזוי אָנגעגאַנגען? — האָט זשאַנע געפרעגט מיט א פאַרשעמענדען בליק.

— זינט... זינט ער איז געקומען אהער... זינט....

זשאַנע האָט ניט פערשטאַנען.

—זינט ער איז געקומען אהער?... דאָס הייסט זינט... לעצטען פריהלינג?

— יא, מאַדאַם.

זשאַנע איז איצט צוגעשטאַנען מיט פראַגען און האָט גערעדט שנעל.

— זאָג מיר, זאָג מיר וויא דאָס איז געשעהן. וויא אַזוי האָט ער דיך געבעטען? וואָס האָט ער צו דיר גערעדט? וויא אַזוי האָסטו זיך אונטערגעגעבען? ווי אַזוי האָסטו געקענט אָבגעבען זיך איהם?

ראָזאַליע האָט ענדליך אראָבגענומען דיא הענד פון פּנים, זייענדיג בעפאַלען פלוצלינג פון א פערלאַנג צו ריידען... דערצעהלען... דערצעהלען אלעס.

— איך ווייס ניט וויא אַזוי. דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג, ווען ער איז געקומען אהער צום ערשטען מאָהל צו מיטאָג. ער האָט זיך בעהאַלטען אין שאַילקע, און ווען אַלע האָבען שוין גע־

שלאָפען איז ער אריין צו מיר אין צי־מער. איך האָב מורא געהאט צו שרייען, עס וואָלט דאָך ווערען א לאַרעם, א סקאַנדאַל, איז ער געבליבען אין מיין צימער דיא גאַנצע נאַכט. איך האָב ניט געוואוסט וואָס מיט מיר איז געווען. איך האָב איהם געלאָזען טהאָן מיט מיר וואָס ער האָט געוואָלט, ווארום ער איז מיר געפעלען געווען!

— דאָס הייסט... אז דיין קינד... איז דאָס זיינס?... — האָט זשאַנע גע־מאַטערט אויסגעשריגען.

— יאַ, מאַדאַם — האָט געזאָגט ראָזאַליע, וויינענדיג שרעקליך.

א מורא'דיגע שטילקייט איז איינ־געטראָטען. בלויז דיא שלוכצען פון ראָ־זאַליע און פון דער באַראָנין האָבען אי־בערגעריסען דיא שטילקייט. זשאַנע איז געווען פערטויבט פון יסורים. איהרע אויגען זיינען אָנגעלאָפען מיט טרעהרען, וועלכע האָבען שטיל זיך גענומען קייק־לען איבער איהרע באַקען. איהר דינסט־מיידעלס קינד איז פון דעם זעלבען פאָ־טער וואָס איהר אייגען קינד. איהר צאָרן איז שוין פערשטיקט געוואָרען פון אי־נערליכע יסורים. א דומפע פערצווייפ־לונג האָט זיא אין גאַנצען איבערוועל־טיגט. און זיא האָט שוין געפרעגט אונ־גליקליכערהייט מיט א פערשטיקטע שטימע.

— און דערנאָך, ווען מיר זיינען גע־קומען צוריק... צוריק פון אונזער רייזע, ווען האָט ער ווידער אָנגעהויבען זיינע בעציהונגען צו דיר?

—גלייך דיא ערשטע נאַכט—האָט געענטפערט ראָזאַליע. אין איהרע ווער־טער האָבען געשניטען זשאַנעס הארץ וויא מיט א מעסער.

וויא? דיא ערשטע נאַכט, גלייך ווי זיי זיינען אָנגעקומען צוריק אין „פאַפּעל בוימער", האָט זשוליאַן שוין אָבגע־קעהרט זיך פון איהר און איז אוועק צו דיעזער? איז דאָס געווען דיא אור־זאַכען פון זיין קאַלטקייט צו איהר? א, איצט האָט זיא שוין געוואוסט גע־נוג. מעהר וויסען וויל זיא שוין ניט.

— אוועק! אוועק! לאָז מיך! — האָט זיא אָנגעהויבען פערצווייפעלט צו שרייען.

ראָזאַליע איז געבליבען אונבעוועג־ליך. דיא אונגליקליכע מיידעל איז גע־ווען פאַראַליזירט פון שרעק.

— נעהם זיא צו! זאָל זיא אוועק פון ראַנען! — האָט זשאַנע זיך געבעט־טען ביי איהר פאָטער. און דער גלח, וועלכער האָט אין דער גאַנצער צייט פון דער סצענע קיין וואָרט ניט גערעדט, האָט געהאַט דערווייל דיא מעגליכקייט אויסצואַרבייטען א שטיקעל דרשה:

— דוא האָסט בעגאַנגען א שרעקליכע עולה — האָט ער זיך געווענדעט צו ראָזאַליען. — איך האָב מורא, אז גאָט וועט דיר דאָס קיין מאָל ניט מוחל זיין. בעדיינק נור, אין גהינום וועסטו אריינפאַלען אויב דו וועסט ניט תשובה טאָהן! פון דיין אייגענעם קינד'ס וועגען מוזטו ווערען בעסער און פרימער פון איצט אָן. קיין צווייפעל ניט, אז דיא באַראָנין וועט טאָהן פאַר דיר וואָס עס איז נאָר פאַר איהר מעגליך, און מיר וועלען געפיי'ען פאַר דיר א מאַן...

און ער וואָלט אזוי גע'דרשנ'ט און גע'דרשנ'ט, אָבער דער באַראָן האָט א כאַפּ געטאָהן ראָזאַליען פאַר דיא אַקס־לען און האָט זיא ארויסגעוואָרפען פון צימער וויא מען וואַרפט ארויס א קלו־מיק מיט אַלטוואַרג. ווען ער איז אריין צוריק אין צימער איז ער געווען בלייך וויא דער טויט; בלייכער אפילו פון זשאַנען.

דער גלח האָט געהאַלטען זיין דרשה ווייטער:

— אזוי זיינען זיי אַלע דאָ ארום; זיי האָבען ניט חתונה וואו זיי האָבען פריהער שוין ניט געהאַט א קינד! אַלע מאָל אזוי, מאַדאַם. דאָס איז שרעקליך, איך וויים, אָבער וואָס קען מען מאַכען. דעם מענשען'ס נאַטור איז שוואַך און מיר מוזען זיין בארעמהערציג. דאָס איז שוין אזא מנהג דאָ הפנים — האָט ער געענדיגט מיט א שמייכעל.

אָבער ער האָט זיך באַלד א קעהר

געטאָהן און האָט שוין געברויכט א בייר־
זען טאָן:

— אפילו דיא קינדער אויך אזוי! מיינט איהר אפשר איך האָב צוויי פון זיי ניט געכאַפּט אויפ'ן בית עולם פאר־א־יאָהרען? איך האָב דערצעהלט דאָס זייערע עלטערן, און ווייסט איהר וואָס זיי האָבען מיר געענטפערט? „דאָס איז ניט אונזער שולד, הייליגער פאָטער, מיר לערנען זיי ניט, אז זיי זאָלען דאָס טאָהן.“ אָט האָט איהר אייך; אייער דיענסט איז אזאַ וויא זיי אַלע.

— אָ, איך בעשולדיג ניט דאָס מיידעל — האָט א זאָג געטאָהן דער באַראָן, ציטערנדיג פון כעס—דאָס איז ער, דער פייגער לומפּ, ער איז דאָס דער פערברעכער, און איך וועל פון איהם אוועקנעהמען מיין טאָכטער.

ער האָט אָנגעהויבען שפּרייזען איבער'ן צימער אויפגערעגטערהייט און איז מיט יעדער מינוט געוואָרען אלץ צאָרנדיגער.

— א געמיינער, פייגער לומפּ איז ער, אזוי אָבצונאַרען מיין טאָכטער! און איך וועל איהם דאָס זאָגען. איך... איך וועל איהם טויטען!...

דער גלח האָט לאנגזאַם אָנגענומען פון פּושקע א שמעק טאַבאַק און האָט געטראַכט בשעת מעשה וויא צו שפּיע־לען דאָ דיא ראָלע פון א שלום־מאַכער.

— נו, וואָס איז דאָרט. הערט, צווישען זיך גערעדט, האָט ער דאָך גע־טאָהן וואָס אלע מענער טהוען. קענט איהר עפּעס פּיעל מענער, וואָס זיינען טריי? אָט איהר אליין, כדומה למשל, — האָט דער גלח גנביש א פינטעל גע־טאָהן מיט'ן אויג — איהר אליין האָט אפשר געטאָהן דאָס זעלביגע.

דער באַראָן איז געבליבען שטעהן און האָט אָנגעקוקט דעם גלח, וועלכער האָט גערעדט ווייטער:

— יא, יא. איהר האָט געטאָהן מסתמא וויא זיי אלע. איך זאָג אייך, אלע זיינען זיי אזעלכע. און איהר האָט דאָך פון דעסטוועגען ניט וויניגער גע־ליעבט אייער פרוי, ניט אזוי?

דער באַראָן איז געשטאַנען שטיל; אין גאַנצען א צוטומעלטער. געוויס האָט ער אויך געטאָהן דאָס זעלביגע, ווען ער האָט נור געהאַט א געלעגענ־הייט, איבערהויפּט ווען עס איז נור גע־ווען א שעהנע דיענסט. איז ער דען א־בער דעם געווען א לומפּ? פאַר וואָס אורטהיילט ער אזוי שטריינג זשוליאַנען, ווען ער האָט זיין אייגענע אויפפיהרונג קיין מאָל ניט גערעכענט פאַר שלעכט?

דיא באַראָנין, נאָך אלץ א וויינענ־דיגע, האָט שוואַך א שמייכעל געטהאָן ביי דער דערמאָהנונג פון איהר מאַן'ס מעשים. זיא איז געווען פון א ווייכער, זיסער, סענטימענטאַלער נאַטור, לייכט געריהרט פון רחמנות און שנעל צו פער־צייהען. ליעבעס אנגעלעגענהייטען זיי־נען פאַר איהר געווען א טהייל פון אלע־מענס לעבען.

זשאַנע איז געלעגען אויפ'ן רוקען, מיט אויסגעשטעלטע אויגען, טראַכטענ־דיג וועגען ראָזאַליעס מודה זיין זיך. איהרע ווערטער זיינען איהר פון קאָפּ ניט אַרויס און האָבען זיא געפּייניגט; דיא ווערטער: „איך האָב איהם געלאָ־זען טאָהן מיט מיר וואָס ער וויל, וואָ־רום ער איז מיר געפעלען געווען“. ער איז איהר דאָך אויך געפעלען געווען און דאָס איז געווען דיא איינציגע אור־זאַכע, וואָס זיא האָט זיך איהם אָבגעגע־געבען, האָט פערבונדען איהר לעבען מיט זיין לעבען. זיא איז אריינגעפאַלען אין זיין נעץ און דיא בעלאָהנונג פאַר דעם איז אונגליק, יסורים, פערצווייפלונג! פאַר וואָס? דערפאַר וואָס ער איז איהר, אויך אזוי וויא ראָזאַליען, „געפעלען גע־וואָרען“.

דיא טהיר האָט זיך אָן עפענען גע־טהאָן מיט געוואַלד און זשוליאַן איז אריינגעקומען, אויסזעהענדיג פּירכטער־ליך. ער האָט געטראָפען ראָזאַליען אויף דיא טרעפּ וויינענדיג און ער איז אַרויפ־געלאָפען, טרעפענדיג אז עפּעס האָט דאָ געמוזט פּאַסירען; ער האָט מורא גע־האַט טאָמער האָט זיא זיך אויסגערעדט. דערזעהענדיג דעם גלח איז ער געבלי־בען שטעהן און האָט געוואָלט מאַכען דעם איינדרוק אז ער איז רוהיג.

— וואָס איז געשעהן ? — האָט ער א פרעג געטהאָן מיט אן אונרוהיגע שטימע.

דער באראָן, וועלכער איז מיט א מינוט צוריק געווען אזוי געפעהרליך אין כעס, האָט איצט געשוויגען. ער האָט געטראכט וועגען דעם גלח'ס רייד און וועגען זיין אייגענער אויפפיהרונג. דיא באראָנין האָט זיך איצט נאָך שטארקער צו־וויינט. זשאַנע האָט זיך אויפגעהוי־בען און האָט געקוקט אויף זשוליאַנען, וועלכער האָט איהר פעראורזאכט אזעל־כע שרעקליכע יסורים.

— געשעהען איז — האָט זיא ארויסגעשטאמעלט — געשעהען איז דאָס, וואָס מיר זיינען שוין ניט מעהר אונוויסענד, מיר וויסען אלעס... אלעס, הערסטו? דיין לומפעריי, דיין פייגע, געמיינע אויפפיהרונג זינט... זינט דעם טאָג וואָס דו ביזט אריינגעקומען אהער אין הויז; אלעס איז פאר אונז איצט אָפען. ראזאליעס קינד איז דיינס, אזוי וויא מיין קינד... זיי וועלען זיין ברי־דער . . .

זיא האָט מעהר ניט געקענט בע־וועלטיגען זיך און איז אנידערגעפאלען אין בעט שרעקליך שלוכצענדיג.

זשוליאן איז געווען בעטויבט. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו ריידען און וואָס צו טהאָן. דער גלח איז ווידער גע־קומען צו הילף.

— הערט, טהייערע מאדאם, הערט זיך צו; באדיינקט בעסער און נעהמט זיך ניט אלעס אזוי צום הארצען.

ער איז צוגעגאנגען צום בעט און ארויפגעלייגט זיין האנד אויף זשאנעס שטערען. דיא בעריהרונג פון זיין האנד האָט עפעס געשטילט, בערוהיגט — א האנד, וואָס איז שוין געווינט געווען צו בערוהיגען, צו שטילען און בעגאבט מיט דער געהיימער קראפט צו מאכען פיהלען בעסער. דער גלח האָט גערעדט ווייטער :

—מיר מוזען פערצייהען, מא־דאם, איהר ליידעט, דאס איז אמת. אָבער גאָט אין זיין בארעמהערציגקייט האָט אייך געשיקט א גרויסע שמחה, צו בעלאָהנען אייך פאר אייערע יסורים. אייער קינד וועט פאר אייך זיין א טרויסט. און אין זיין נאָמען, אין אייער קינדס נאָמען בעט איך אייך, פערציי־העט אייער מאן. דאס קינד וועט זיין דער באנד וואָס וועט אייך ביידען צו־זאמענהאלטען; דאס וועט זיין דיא זי־כערהייט פון זיין טרייהייט אין דער צוקונפט. וואָלט איהר דען געקענט לע־בען, זייענדיג אויף אימער געשיידט פון דעם פאטער פון אייער קינד.

זשאנע האָט ניט געענטפערט. זיי־ענדיג צובראכען קערפערליך און גייס־טיג, האָט זיא קיין כח ניט געהאט אין כעס צו זיין אדער צו פערגעבען.

—פארגיב איהם, זשאנע, טהייערע —האָט געזאָגט די באראָנין, וועלכע האט ניט געקענט וויערערשטעהן דעם איינפלוס.

דער גלח האט גענומען זשוליאנס האנד און האָט זי ארויפגעלעגט אויף דער האנד פון זיין פרוי, געבענדיג זיי אן איידעלען ריהר אזוי ווי צונויפשלי־סען זיי, און ער האט מיט דערזעלביגער מונטערקייט ווייטער געזאָגט :

—אָט אזוי, גלויבט מיר, אזוי איז בעסער.

זייערע הענד, וועלכע האָבען זיך פעראייניגט אויף א מאָמענט זיינען באלד צוריק געפאלען בעזונדער. זשו־ליאן האָט ניט געוואגט צו קוסען זשאנען און ער האט א קוש געטהאָן די באראָנין אין שטערען. ער האט דער־נאָך א נעהם געטהאָן דעם באראָנס אָרעם און האָט פארגעשלאָגען, זיי זא־לען ארויסגעהען א רויכער טאָהן.

דער באראָן איז געווען אזוי גערן וואס אלעס איז איינגעאָרדענט געוואָרן אויף א צופריעדענעם אופן און ער האָט שוין פארגעסען יעדען כעס געגען זיין איידים. ווען זיי זיינען ארויס איז זשאנע, אן ערמיעדעטע, איינגעשלאָפען און דער גלח מיט דער באראָנין האָבען גערעדט שעפצענדיג. דער גלח האָט פאָרגעלעגט זיינע פלענער און די בא־ראָנין האָט צו אלעס צוגעשטימט.

—אלזאָ, אזוי בלייבט דאס, דעם

בארוויל הויף שיינקט איהר פאר ראָזאַ־ליען—האָט ענדליך געשלאָסען זיינע רייד דער גלח—און איך וועל שוין פאר איהר אויסזוכען א מאַן. אָה, דאס וועט שוין זיין גאָר ניט אזוי שווער צו געפי־נען. מיט צוואנציג טויזענד פראנקס נדן וועלען זיך שוין ווייזען גענוג חתנים; עס וועט נור פיעלייכט זיין שווער צו געפינען דעם רעכטען, דעם פאַסיגען.

דיא באראָנין האָט געשמייכעלט; זיא איז געווען גליקליך, הגם אויף איהר געזיכט איז נאָך געווען דער סליאד פון טרעהרען.

—אבער געדענקט—האָט זי גע־זאָגט — דער בארוויל מאַיאָנטאַק איז ווערטה לכל הפחות צוואנציג טויזענד פראנק, און דאס מוז זיין פארשריעבען אויפ'ן נאָמען פון'ם קינד; דיא עלטערן זאָלען האָבען נור דיא נוצען דערפון כל זמן זיי לעבען.

דער גלח האָט זיך אויפגעהויבען אוועקצוגעהן און האָט געגעבען דער באַראָנין זיין האנד, זאָגענדיג:

—בעמיהט זיך ניט, באראָנין, בלייבט זיצען. איך ווייס וואס דאס איז; יעדער טריט איז א טרחה.

ארויסגעהענדיג האָט ער זיך גע־טראָפען מיט טאַנטע ליזאן, וועלכע איז געגאַנגען געוואָהר ווערען זשאַנען. וויא געוועהנליך, האָט זיא גאָרנישט פער־דעכטיגט, אז עס איז עפּעס פאָרגעקו־מען, האָט קיין זאך ניט געוואוסט און מען האט איהר קיין זאך ניט דער־צעהלט.

## מוטערשאפט און חתונה

ראָזאליע האָט פערלאָזען די „פאפעל־בויבער" און אויף איהר פלאץ איז אָנגעקומען א גרויסע געזונדע פוי־ערטע, וועלכע האָט געהאָלפען דער באראָנין שלעפען זיך, ווען זי פלעגט געהן שפאציערען אין דיא אלעען פון שלאָס, וואו דער סליאד פון איהרע שווערע טריט האָט זיך יעדען טאָג איינ־געדריקט אלץ טיעפער.

זשאַנע איז דורכגעגאַנגען דיא שמערצליכע צייט פון שוואַנגערשאפט. זיא האָט ערוואַרט דאס גֶעבורט פון איהר קינד אָהן פארגניגען, אָהן אינ־טערעס. נאָך אלץ אונטער דער משא פון איהרע יסורים האָט זיא דערביי מורא געהאט, אז עפּעס א נייער אונ־גליק זאָל איהר ניט טרעפען.

דער פריהלינג איז געקומען. עס איז נאָך אלץ אָבער געווען קאלט, אָבער אונטער דיא טויטע בלעטער האָבען זיך נייע שפּראָצונגען אָנגעהויבען צו ווייזען.

זשאַנע, וועלכע איז עפּעס אלץ נאָך געווען קראנקליך, פלעגט שפאציע־רען אָנגעשפּארט אויף איהר פאטערס אָרעם און טאַנטע ליזאן, צוטראָגען און צושראָקען פון דער קומענדער עראייג־ניס, די געהיימנים פון וועלכע זי וועט אין איהר גאנצען לעבען ניט וויסען, האָט געשפאציערט ביי דער צווייטע זייט און געהאַלטען זשאַנעס האנד.

זיי פלעגען שפאציערען אזוי שטונדען־לאַנג, אלע שווייגענדיג, ניט ארויסרייידענדיג קיין וואָרט. און זשו־ליאן, וועלכער האָט עפּעס אָנגעהויבען שטארק ליעב צו האָבען צו פאָהרען ריי־טענדיג, פלעגט זיין צייט פערברענגען אין ארומרייטען גאנצע טעג. דער באַ־ראָן, די באראָנין און זשוליאן האבען אויך געמאכט עטליכע וויזיטען צו בע־נאכבארטע גוט־בעזיצער; זיי האבען בעזוכט די דע־פּארווילס, מיט וועלכע זשוליאן איז עפּעס געוואָרען בעזונדער בעפריינדעט, זיי האָבען אויך געמאכט נאָך א בעזוך דיא דע־בירזעווילס, וועל־כע האָבען בעצאהלט צוריק א וויזיט. און ווייטער האָט קיין זאך מעהר ניט געשטערט דיא לאנגווייליגע סדרה פון זייער לעבען.

איין נאָכמיטאָג, א זייגער פיער, איז א מאַן און א פרוי געקומען צוריי־טען און זשוליאן, וועלכער האָט זיי גע־

זעהען, איז אריינגעלאָפען אין זשאַנעס צימער אַן אויפגערעגטער און אַ זאָג געטאָהן:

—גיכער, גיכער, געה אראָב, דאָס זיינען דיא דע־פּארווילס, וועלכע זיינען געקומען געוואָהר ווערען וואס דוא מאַכסט. זאָג זיי, אַז איך בין ניטאָ, נור איך וועל באַלד זיין צוריק. איך מוז זיך געהן אָנציעהען.

זשאַנע איז געוועזען איבערראַשט. זיא איז אראָבגעגאנגען אויפצונעהמען דיא געסט.

אַ שעהנע יונגע פרוי, מיט אַ מעלאנכאָלישען, בלייכען פּנים און גרויסע, לייכטענדע אויגען, האָאר דונקעל־בלאָנד האט פאַרגעשטעלט זשאַנען איהר מאַן. מאַסיע דע־פּארוויל איז געווען אַ מין גבור, מיט גרויסע, רויטע וואָנצעס.

—מיר האָבען זיך געטראָפען מיט אייער מאַן איינינע מאָהל און מיר האָבען פון איהם געהערט, אַז איהר זייט ניט געזונד, האָבען מיר בעשלאָסען ניט אָבצולעגען אונזער בעזוך אויף לענגער. מיר זיינען געקומען איינפאַך אלס שכנים געוואָהר ווערען וואס איהר מאַכט. וויא איהר זעהט, זיינען מיר געקומען אָהן צערעמאָניעס, רייטענדיג. מיר האָבען געהאַט דעם פערגניגען צו האָבען אַ בעזוך פון אייער פאַטער און מוטער מיט אַ פּאָאר טעג צוריק.

די מאַדאַם דע־פּארוויל האָט גערעדט לייכט, פאַמיליאר, אָבער זי איז געוועזען זעהר אדעליג, זעהר ראַפינירט. זשאַנע איז געוועזען בעצויבערט פון איהר און האט איהר גלייך ליעב בעקומען.

—אָט דאס איז אַ פריינד—האָט זיא אַ טראַכט געטאָהן.

דער גראַף דע־פּארוויל האָט געמאַכט אַקוראַט אַ פערקעהרטען איינדרוק פון זיין פרוי. ער איז עפּעס געווען וויא ניט אויף זיין פּלאַטץ און האָט זיך געפיהלט אומבעקוועהם. ווען ער האָט זיך אַוועק געזעצט האָט ער אַוועק געלעגט זיין הוט אויף'ן שטוהל נעבען איהם און ניט געפינענדיג גלייך וואו אהין צו טאָהן זיינע הענד, האָט ער זיי צונויפגעלעגט אַקוראַט וויא אין אַ געבעט. און דערווייל איז זשוליאַן אריינגעקומען. ער האט איצט אויסגעזעהען אַזוי שעהן פאַרפּוצט, אַז זשאַנע האָט איהם ניט דערקענט.

זשוליאַן איז געווען גלאַט ראַזירט, שעהן אָנגעטהאָן און האָט אויסגעזעהען עלעגאַנט, וויא ער האט אויסגעזעהען פאַר דער חתונה. ער האָט בעגריעסט מיט אַ האַנד־דרוק דעם גראַף און געקוסט דיא האַנד דער גרעפין, וועלכע איז דערביי עטוואס רויטליך געוואָרען. דאס איז גאָר געווען אַ אַנדער זשוליאַן. זיין אַמאָליגע פריינדליכע בענעהמונג, זיין געוועזענע העפליכקייט האָט זיך דאַ ווידער געוויעזען; זיינע גרויסע, גלאַנציגע אויגען האָבען בעקומען דעם ווייכען, צערטליכען בליק ווידער. זיינע האָאר, וועלכע זיינען מיט איין ווייַלע פריהער געווען צושויבערט, זיינען איצט געווען גלאַט פערקאַמט און גלאַנציג.

ווען דיא דע־פּארווילס האָבען גענומען אַבשיעד, האָט דיא גרעפין אַ זאָג געטהאָן צו זשוליאַן:

— מיין געעהרטער גראַף, וועט איהר מיט מיר אויספאָהרען דאָנערסטאָג?

— איך וועל זעהר גערן זיין, מאַדאַם — האָט זשוליאַן געענטפערט מיט אַ טיעפע פערנייגונג.

דיא גרעפין האָט אָנגענומען זשאַנעס האַנד און האָט געזאָגט מיט אַ זיסען שמייכעל:

— ווען איהר וועט געזונד ווערען, וועלען מיר אַלע דריי רייטען צוזאַמען; דאס וועט זיין ליעבליך!

און אָנגעהמענדיג איהר רייט־קלייד האָט זיא לייכט אַ שפּרונג געטהאָן און אריינגעזעצט זיך אין זאָטעל. איהר מאַן איז איהר נאָכגעריטען אויף זיין גרויסען נאַרמאַנישען פערד. ווען זיי זיינען פערשוואונדען פון אויג האָט זשוליאַן אַ זאָג געטהאָן צו זשאַנען:

— וואס פאַר צויבערליכע מענשען!

זיי זיינען דיא רעכטע מענשען, מיט וועמען עס איז ווערטה צו זיין בעקאַנט.

— דיא גרעפין איז א פּרעכטיגע פערזאָן — האָט איינגעשטימט זשאַנע — איך פיהל, אז איך וועל זיא ליעב בעקומען. אבער איהר מאַן זעהט אויס אזוי אונגעהובעלט! וואו האָסט דוּ זיך מיט זיי באגעגענט?

און זשאַנע האָט זיך עפּעס געפיהלט גליקליך פון דעם בזווג, אליין ניט ווי־סענדיג פאַר וואָס.

— איך האָב זיי בעגעגענט אין הויז פון דיא דע־ביזעווילס — האָט זשוליאַן געענטפערט רייבענדיג דיא הענד מיט צופריעדענהייט — איהר מאַן איז א גרויסער יעגער. ער איז אבי־סעל רוי, אָבער ער איז אַן אמת'ער אדעלינגער.

ביים מיטאָג זיינען זיי ביידע גע־ווען גוט אויפגעלעגט, אזוי וויא א פּלוצ־לונגער גליק וואָלט געקומען אין זייער לעבען.

ווייטער האָט קיין זאַך ניט פּאַסירט ביז דער ענדע פון מאָנאַט יולי. איין אבענד ווען זיי זיינען געזעסען אונטער דעם שאָטען פון א בוים לעבען א היל־צערנעם טישעל, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען זשוליאַנס פלאַש קאָניאַק, האָט זשאַנע פּלוצלונג א געשריי געטהאָן און איז געוואָרען שרעקליך בלייך. א שניידענדען שמערץ האָט זיא דערפיהלט איז גאַנצען קערפּער אין איניגע מינו־טען ארום ווידער אמאָל אזא שניידענ־דען שמערץ, וועלכער האָט שוין גע־דויערט לענגער פון ערשטען.

מיט גרויס מיה האָט מען זיא, מיט דער הילף פון איהר פאָטער און איהר מאַן, ארויפגעטראָגען צו איהר אין צימער זיא האָט שרעקליך געקרעכצט און יע־דע מינוט האָט דאָס איהר געבויגע אָנידערצוזעצען זיך, אזוי וויא עס ווי פאַר איהר אונמעגליך געווען אויסצו־האַלטען דיא געוויכט פון איהר קער־פּער. דיא געבורטס־צייט איז נאָך ניט געקומען און זיי האָבען מורא געהאַט, עס זאָל ניט פּאַסירען אַן אונגליק — א פריה־צייטיגע געבורט. מען האָט גלייך געשיקט נאָך דעם דאָקטאָר. ער איז אָנ־געקומען אין מיטען נאַכט און האָט גלייך דערזעהען איהר לאַגע. מען האָט זיא אַוועקגעלעגט אין בעט. דיא שמער־צען זיינען עטוואָס גרינגער געוואָרען, אָבער א פּחד האָט איהר אָנגעכאַפּט, אזוי וויא א פאָראָהנונג פון טויט. דער צימער איז געווען פול מיט מענשען. דיא באָראָנין איז געזעסען אין א פאָ־טער־שטוהל און האָט שווער געאָטהעמט. דער באָראָן האָט זיך לגמרי פערלאָרען און איז ארומגעגאַנגען פון איינעם צום צווייטען, צוטראָגענדיג אלץ פערשיעדע־נע קליינינקייטען, וועלכע מען האָט גאָר ניט געדאַרפט, און ער האָט יעדע מינוט נאָכגעפרעגט זיך ביים דאָקטאָר. זשו־ליאַן איז ארומגעגאַנגען הין און צוריק, אָבער רוהיג.

ביים צופוסען פון בעט איז גע־שטאַנען די אלמנה דענטו, מיט א טעמפּען אויסדרוק אויף איהר פּנים אזוי וויא זיא וואָלט פון קיין זאַך ניט זיין גע־ריהרט. זיא איז געווען א וואַרטערין, א הייבאַם, א שמש'טע ביי טויטע, אלץ מיט אַנאַנדער. זיא פלעגט ארייננעה־מען אין איהרע הענד א נייגעבאָרענעס קינד מיט דערזעלבינער גלייכגילטיגקייט האָט איהם געבאָדען, איינגעשטילט, בערוויעגט, און ווען אימיצער פלעגט שטאַרבען, פלעגט זיא דאָרט אויך זיין מיט דעמזעלביגען אויסדרוק אויפ'ן פּנים, הערענדיג דאָס לעצטע וואָרט פון'ם שטערבענדען, זעהענדיג זיין לעצ־טען אָטהעמצוג. זיא פלעגט דאָס צו־רעכט מאַכען דיא טויטע, זיצענדיג לע־בען בר־מינן ביינאַכט, אויסריכטען איהם צו דער קבורה. דיא קעכין לוד־ווין און טאַנטע ליזאָן האָבען זיך פער־

שטעקט הינטערן טהיר, צוצוהערען זיך און צוצוקוקען.

פון צייט צו צייט האָט זשאַנע רחמנות'דיג געקרעכצט. פאַרטאָג האָט איהר אָנגעכאַפּט נאָך אַ שרעקליכערע שמערץ און זיא האָט אַ טראַכט געטאָהן וועגען ראָזאַליע, וועלכע האָט גאַר אַזוי פיעל ניט געליטען און וועמעס אונגעזעצליך קינד איז עפּעס געקומען אויף דער וועלט אָהן גרויסע אנשטרענגונגען.

זיא האָט זיך פערגליכען איצט מיט ראָזאַליען, און אין איהרע יסורים האָט זיא געפלוכט גאָט. וועמען זיא האָט גערעכענט פאַר אַ גערעכטיגען; זיא האָט געפלוכט די אונגערעכטיגקייט פון שיקזאַל, וועלכער האָט איהר דוקא געבראַכט אַזעלכע ליידען. ווען זיא האָט זיך אויף אייניגע מינוטען בערוהיגט, האָט זיא ניט געקענט אַברייסען איהרע בליקען פון זשוליאַן. אַ ציטער האָט אָנגעכאַפּט איהר הארץ, ווען איהר איז אַרויף אויפ'ן זינען, וויא ער האָט געהאַנדעלט דעם טאָג, ווען ראָזאַליע האָט געבוירען איהר קינד; זיא האָט זיך דערמאָנט וויא ער האָט אויסגעזעהען, וויא ער האָט זיך בענומען, און איצט האָט זיא געלעזען אויף זיין פּנים דיעזעלביגע איבערדריסיגקייט, דיעזעלביגע גלייכגילטיגקייט וויא דאַן — דיעזער בליק פון קאַלטבלוטיגקייט, נאַכלעסיגקייט און נור איבערדריסיגקייט און אייגענליעבע. פּלוצלונג איז זיא בעפאַלען געוואָרען פון שרעקליכע ספּאַזמען.

— איך שטאַרב — האָט זיא אַ טראַכט געטהאָן און אַ ביטערער האַס האָט אָנגעפיעלט איהר הארץ, אַ האַס צו דיעזען מענשען, וועלכער איז געווען דיא אורזאַכע פון איהרע יסורים. זיא האָט דערפיהלט אַ שמערצליכען וואונש צו שילטען איהם, פלוכען, פערפלוכען דאָס אונבעקאַנטע קינד, וועלכעס ברייננט איהר טויט! זיא האָט פירכמערליך געקעמפּפט אייניגע מינוט, און דאַן האָט דער שמערץ אויפגעהערט; איהרע ליידען זיינען אריבער.

דער דאָקטאָר און דיא הייב־אַם האָבען זיך איבערגעבויגען איבער איהר. זיא האָט געזעהן וויא זיי נעהמען עפּעס אַוועק. דאַן האָט זיא דערהערט דעמזעלבען קלעגליכען קול'כעל, וועלכען זיא האָט שוין איין מאָהל פריהער געהערט; דאָס האָט אָנגעפיעלט איהר הארץ, איהר נשמה, איהר גאַנצען וועזען מיט התלהבות, און אונבעוואוסטערהייט האָט זיא צועפענט איהרע אָרעמס. אַ געפיהל פון רוהע און פרייד איז איצט געווען אין איהר הארץ. זיא איז געווען גליקליך, אָה, וויא גליקליך זיא איז געווען! זיא איז אַ מוטער! זיא האָט געבעטען זעהען איהר קינד.

קיין האָאָר אויפ'ן קעפּעלע, קיינע נעגעל אויף דיא פינגערלעך — געבאָרען געוואָרען צו שנעל; אָבער ווען זיי האָבען איהר דערלאַנגט דאָס קינד איז איהר שמחה געווען גרויס אָהן אַ שיעור; זיא האָט געפיהלט, אַז זיא איז אַ געראַטעוועטע. זיא וועט שוין מעהר קיין יסורים ניט האָבען. דאָס קליינע קינד איז איהר שיצער פון ליידען.

פון איצט אָן וועט זיא שוין קיין אַנדער זאַך ניט האָבען וויא בלויז איין געדאַנק — איהר קינד. זיא האָט איהם געליעבט פאַנאַטיש, געפעהרליך! און נאָך טהייערער געליעבט דערפאַר מאַקע, ווייל זיא איז געווען אָבגענאַרט אין איהר ליעבע. זיין וויעגעלע מוז זיין ניט אַנדערש וויא תמיד לעבען איהר בעט. און ווען זיא איז בעסער געוואָרען, ווען זיא האָט שוין געקענט אויפשטעהען, פלעגט זיא זיצען שטונדען לאַנג און וויעגען איהם.

זיא איז געוואָרען אייפערזיכטיג אויף דער אַם, און ווען דער קליינינקער האָט געשריען נאָך דער ברוסט, פלעגט איהן אָנכאַפּען אַ מין וואַהנזיניגער

פערלאַנג אַרויסצורייסען איהם פון דיא אַרעמס פון דער אם און מיט איהרע נעגעל צורייסען דיא ברוסט פון דער פויערטע. זיא אליין, ניט אנדערש, האָט געמוזט פּאַרטיג מאַכען יעדע קליידעלע פאַר איהם, זיין גאַרדעראָבע מיט שפּי־צען און בענדליך בעפּוצען. איהר האָט ווייניג געקימערט וואָס עס ווערט גערעדט ארום איהר, אָבער זיא פלעגט אָברייסען מענשען פון מיטען זייער געשפּרעך, זיי זאָלען זיך צוקוקען צו א נייעם ציפּיקעל, א נייעם בענדעלע, א שנירעלע פאַר איהר קינד. יעדע זאַך, וואָס איז געווען פאַר איהר קינד, פלעגט זיא האַלטען אין איהרע הענד מיט ליבע און מיט שטאָלץ, זאָגענדיג:

— וויא שעהן ער וועט אויסזעהען דריין!

דער באַראָן און דיא באַראָנין פלע־גען צערטליך שמייכלען, אָבער זשוליאַן וועמעס געוואָהנהייטען זיינען געווען געשטערט דורך דעם און וועלכער איז געווען אונבעוואוסטערהייט אייפערזיכ־טיג וואָס דאָס קינד האָט פערנומען זיין פּלאַץ אלס הערשער פון הויז, פלעגט אונגעדולדיג און בייז אליין א זאָג טהאָן:

— וואָס פאַר אַן אַנשיקעניש זיא איז דאָ מיט איהר קינד.

ליידענשאַפטליך איז זשאַנע צוגע־בונדען געוואָרען צו איהר קינד; גאַנצע נעכט האָט זיא פערבראַכט וואַכענדיג איבער זיין וויעגעלע, קוקענדיג וויא עס שלאָפט; זיא האָט פון קיין רוה ניט געוואָלט וויסען; זיא איז געוואָרען שוואַך און אָבגעצעהרט און האָט אנגע־הויבען אָפט צו הוסטען. דער דאָקטאָר האָט אַנגעזאָגט, אז מען זאָל דאָס קינד ניט האַלטען לעבען איהר און מען זאָל איהם יעדע נאַכט אריינטראָגען אין דער אם'ס צימער פיר ביי־נאַכט אום זשאַנע זאָל קענען שלאָפען. זשאַנע האָט געוויינט, האָט זיך געבע־טען מען זאָל דאָס ניט טהאָן, מען זאָל לאָזען דעם קינד לעבען איהר. אָבער איהר געבעט איז געווען אומזיסט. יע־דע נאַכט האָט דיא אם אוועקגענומען דאָס קינד צו זיך אין צימער און זשאַ־נע פלעגט בלייבען שטעהען לעבען טהיר א באָרפוסע און צוהערען זיך צו וויינט ער ניט.

איין נאַכט איז זשוליאַן, וועלכער איז געווען צו א מאָהלצייט ביי דיא דע־פאַרווילס, געקומען אהיים זעהר שפּעט, און ער האָט געפונען זשאַנען אין איהר געוועהנליכען פּלאַץ לעבען טהיר פון דער אם'ס צימער. אויף מאָר־גען האָבען זיי זיא פערשפּאַרט אין איהר צימער, זיא זאָל ניט קענען ארויס־געהען און זאָל געצוואונגען זיין צו שלאָפען.

ענדע אויגוסט האָט מען געפּראַ־וועט דיא טויף־צערעמאָניע. דעם באַראָן און טאַנטע ליזאָ'ן האָט מען מכבד גע־ווען מיט געפאַטערשאַפט און דעם קינד האָט מען א נאָמען געגעבען פּיער סימאָן פּאָול; געברויכט האָט מען נור דעם נאָ־מען פּאָול. אנפאַנג סעפּטעמבער איז טאַנטע ליזאָן אוועקגעפאָהרען, און זיא איז אוועק פּונקט אזוי שטיל וויא זיא איז געקומען.

איין אָבענד, נאָך'ן עסען, איז דער גלח געקומען צו בעזוך. ער איז געווען עפּעס אין א פערלעגענהייט, אזוי וויא עס וואָלט געווען וואָס ביי איהם אויפ'ן הארצען און וואָלט ניט געוואוסט וויא אַנצוהויבען. ענדליך האָט ער א בעט גע־טהאָן דעם באַראָן און דיא באַראָנין זיי זאָלען איהם שענקען אייניגע מינוטען אייפמערקזאַמקייט, ער האָט מיט זיי וואָס צו ריידען פּריוואַט.

זיי זיינען ארוים דרויסען, האָבען שפּאַציערט לאַנגזאַם אונטער דיא פּאַ־פּעל־בוימער, וועהרענד זשוליאַן האָט זיי פון וויטען נאָכגעקוקט נערוועז, פאַרדעכטיג, דענקענדיג וואָס קען דאָס

זיין פאר א סעקרעט. ווען דער גלח האָט גענומען אבשיעד האָט זשוליאַן ער־קלעהרט, אז ער געהט איהם בעגלייטען ביז'ן קירכע. דער אבענד איז געווען א קאלטער און אלע זיינען שוין געווען אין הויז ווען זשוליאַן איז געקומען צו־ריק.

ער איז געבליעבען שטעהן לעבען טהיר, ברענענדיג מיט כעס. ער האָט ניט א טראַכט געטהאָן אפילו טאָמער איז זשאַנע דאָרט און נאָך ניט אריינקו־מענדיג אין זאאַל האָט ער ש' אָנגע־הויבען לאַרעמען אויף זיין ...ער און שוויעגער.

— איהר מוזט זיין משוגע, אוועק־געבען דער דיענסט־מיידעל צוואַנציג טויזענד פראַנק!

זיי זיינען געווען אזוי איבערראַשט פון דיעזען ארויספאַהר פון זייער איי־דים, אז זיי האָבען קיין ווערטער ניט געפונען. און ער האָט אָנגעהויבען צו שרייען נאָך העכער:

— סיידען איהר זייט פון זינען אראָב, ניט אַנדערש! וואָס ווילט איהר אונז לאָזען אָהן א גראָשען.

דער באַראָן איז ערשט געקומען צו זיך און האָט געזוכט איינצושטילען איהם.

— הער אויף, זשאַנע איז דאַ.

— וואָס געהט דאָס מיך דעראָן, אויב זיא איז דאַ אָדער ניט? — האָט ער געשריען מיט קולות — זאָל זיא זיי־סען. דאָס איז גזלה, דאָס איז רציחה!

זשאַנע איז געווען ערשטוינט און האָט געקוקט פון איינעם צום אַנדערן.

— וואָס איז דאָס אזוינס? — האָט זי געפרעגט שטאַמלענדיג פון אי־בערראַשונג.

זשוליאַן האָט זיך איצט געווענדעט צו איהר, דערצעהלענדיג איהר מיט עמד פעהרונג: סטייטש, זיי האָבען געמאַכט א פּלאַן צו פערשלייערען ראָזאַליען און געבען איהר פאר'ן קינד דעם בארוויל

מאַיאָנמעק, וועלכער איז ווערטה צוואַנ־ציג טויזענד פראַנק.

— דיינע עלטערען זיינען משוגע, מייז לעבען — האָט ער ווידערהאָלט, — משוגע, חסר דעה זיינען זיי! צוואַנציג טויזענד פראַנק! פאַר וועמען? פאַר אַ אונגעזעצליך קינד צוואַנציג טויזענד פראַנק. ניט אַנדערש, אז זיי זיינען צו־מישטע און האָבען דעם קאָפּ פערלאָרען!

זשאַנע האָט צוגעהערט רוהיג און קאַלט. זיא האָט זיך געוואונדערט אליין אויף זיך וויא איהר קימערט קיין זאַך ניט מעהר, ווייבאַלד דאָס האָט ניט צו טהאָן מיט איהר קינד. דער באַראָן איז געווען אויסער זיך. ער האָט א טופּע געטהאָן מיט'ן פוס און א זאָג געטהאָן.

— דוא בעסער קאָנטראָליר זיך! עס איז דאָך שרעקליך! וועמעס שולד איז דאָס וואָס מיר זיינען מחויב צו בע־זאָרגען דאָס מיידעל? וועמעס קינד איז איהרער? און וואָס ווילסטו, אוועקוואַר־פען זיא און גאָר אפילו ניט בעזאָרגען? וויא שענדליך!

זשוליאַן איז אביסעל געלאַסענער געוואָרען און האָט שוין אָנגעהויבען מיט א רוהיגער שטימע:

— פונפצעהן הונדערט פראַנק וואָלט אויך געווען איבער גענוג. זיי האָבען דאָ אלע קינדער פאַר דער חתונה. וואָס איז דיא נפסא מינה צו וועמען דאָס קינד בעלאַנגט, און דער פאַקט אליין, אז איהר שענקט איהר אַזאַ נדן וועט זיך פאַר מענשען ווייזען פאַרדעכטיג און זיי וועלען זיך דערוויסען דעם אמת. איהר האָט דאָך לכל הפּחות געדאַרפט א טראַכט טהאָן וועגען אונזער נאָמען, וועגען אונזער שטאַנד.

ער האָט גערעדט שטרענג, וויא א מענש וואָס איז זיכער, אז ער איז אלע מאָהל גערעכט און זיינס וואָס ער רעדט. דער באַראָן האָט ניט געענטפערט אויף

זשוליאַנס שטרענגע אַרגומענטען. און זשוליאַן האָט זיך בענוצט דערמיט.

— עס איז נאָך גוט — האָט ער גע־זאָגט — וואָס ס'איז נאָך ניט אַלעס בעשלאָסען געוואָרען. איך קען דעם מאַן וואָס וויל חתונה האָבען מיט ראָזאַליען. ער איז אַ וואוילער יונג און מען קען מיט איהם איינשטימיג, און דאָס איז וואָס ער האָט געדאַרפט.

מורא האָבענדיג, אַז עס זאָל זיך װיעדער ניט אָנהייבען אַ געשפּרעך וועגען דעם, האָט ער זיך אַ הויב געטהאָן מיט צופריעדענהייט וואָס אַלע שוויי־גען און איז אַרויסגעלאָפען; ער האָט שוין געקענט רעכענען, אַז אַלע זיינען מיט איהם איינשטימיג, און דאָס וואָס ער האָט געדאַרפט.

אַזוי גיך וויא ער איז פערשוואונדען איז דער באַראָן ערשט געקומען צו זיך פון זיין איבעראַשונג און ער האָט אויסגעשריען:

— אַ, דאָס איז שוין צופיעל!

זשאַנע האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהר פאָטער'ס בייזען פּנים און האָט אויסגעשאָסען אין אַ געלעכטער — יע־נער קלאָהרער געלעכטער פון אַמאָל, ווי זיא תּלענט זיך צולאַכען, ווען זיא האָט געהערט עפּעס שפּאַסהאַפטעס.

— האָסטו געהערט, פּאַפּאַ, וויא ער האָט דאָס געשריען: „צוואַנציג טויזענד פראַנקס!“

דיא באַראָנין, וועלכע איז געוועזען פונקט אַזוי שנעל געריהרט צו געלעכ־טער וויא צו טרעהרען, האָט איצט אָנ־געהויבען צו לאַכען צוזאַמען מיט זשאַ־נען, מיט יענעם הארציגען געלעכטער, וויא אַמאָל. זיא האָט איצט זיך פאַר־געשטעלט איהר איידים'ס בייזען פּנים, זיינע ווילדע ווערטער, זיינע זשעסטיקו־לירונגען, זיין שטרענגען בעפעהל, אַז מען טאָר דעם אָרעמען מיידעל ניט גע־בען קיין צוואַנציג טויזענד פראַנקס, געלד וואָס בעלאַנגט גאָר ניט צו איהם.

זיא איז געוועזען גליקליך פון קענען הארציג לאַכען און וואָס זשאַנע לאַכט אַזוי פרעהלאָך ביז טרעהרען האָבען זיך אָנגעהויבען צו קייקלען פון איהרע אויגען. דער באַראָן איז אויך אָנגעשטעקט געוואָרען פון דעם געלעכטער און ער האָט זיך אויך צולאַכט. אַזוי האָבען זיי אַלע דריי געהאַלטען אין איין לאַכען, אַקוראַט וויא אין דיא אַמאָליגע יאָה־רען, אין זייערע גליקליכע טעג.

ווען זיי האָבען זיך אַביסעל בע־רוהיגט פון געלעכטער האָט זשאַנע גע־זאָגט:

— איז דאָס ניט זאָנדערבאַר, אַז קיין זאַך ווירקט אויף מיר איצט ניט? ער זעהט פאַר מיר איצט אויס אַזוי וויא אַ גאַנץ פרעמדער. איך קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, אַז איך בין זיין ווייב. דוא זעהסט, איך לאַך, איך לאַך גאָר פון זיין רוהיגקייט!

און דיא דריי, נאָך אַלץ שמייכלענ־דיג אונוויליג, האָבען זיך צוקוקט מיט הארציגקייט.

אין צוויי טעג אַרום, ווען זשוליאַן איז אַוועק אויף זיין געוועהנליכען רייט־שפּאַציער. האָט זיך אַ געזונדער, פעסט־געבויטער יונגערמאַן, פון אַ יאָהר 25, אָנגעטהון אין אַפּויערישע בלויע בלוזע, שפּאַגעל־נייע און שטייף, אַריינ־געשאַרט אויף אַזאַ אופן אַזוי וויא ער וואָלט וואַרטען פון אין דער פריה אַן אויף אַ געלעגענהייט דערצו. ער האָט אַראָבגענומען זיין היטעל און האָט זיך פערנייגט אונגעלומפּערט. ווען ער איז שוין געוועזען גאַנץ נאָהענט האָט ער צו־שטאַכעלט זיך.

— דאָס בין איך, דעזירע לעקאָק.

אַזוי וויא פון דעם נאָמען האָט דער באַראָן גאָר נישט געקענט וויסען, האָט ער אַ פרעג געטהאָן:

— וואָס פערלאַנגט איהר?

זעהענדיג, אַז מען וויים ניט ווער ער איז און אַז ער דאַרף דאָ געבען אַן

ערקלעהרונג, איז דער יונגער פויער נאך מעהר צומישט געוואָרען. ער האט גע־קנייטשט די היטעל אין האנד, און האט ניט געוואוסט וויא אנצוהויבען. ענדליך האט ער אנגעהויבען:

— זיין היילינקייט, דער גלח האט מיט מיר גערעדט וועגען דער אנגעלע־גענהייט — און ער האט זיך אבגעשטעלט האבענדיג מורא צו זאגען צו פיעל, טא־מער וועט ער אריינפאלען מיט אן אונ־פאסיגען וואָרט.

דער באראן, וועלכער האט נאך אלץ ניט פערשטאנען וואס ער וויל, האט ווידער א פרעג געטהאן:

— וועלכע אנגעלעגענהייט? וועגען וואס רעדט איהר? ערקלעהרט מיר.

און ערשט איצט האט דער פויער זיך ענטשלאסען צו ערקלעהרען אין גאנצען.

— די אנגעלעגענהייט וועגען רא־זאליע — האט ער געזאגט אביסעל שטילער.

זשאנע, וועלכע האט געטראפען וועגען וואס דא האנדעלט זיך, איז באלד ארויס פון צימער מיט איהר קינד אויף די הענד.

— קומט אהער, נעהענטער — האט דער באראן איהם צוגערופען און האט איהם אנגעוויזען אויף דעם שטוהל, פון וועלכען זשאנע האט זיך אויפגעהויבען. דער פויער האט זיך אונבעקוועם עפעס האלב־זייטיג אוועקגעזעצט, זא־גענדיג:

— איהר זייט גוטהערציג.

און ער האט זיך אבגעשטעלט, אזוי וויא ער וואלט מעהר ניט האבען וואס צו זאגען. נאך א לאנגער פויזע, האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען צום באלקען און האט עפעס ארויסגעפלאפעלט:

— מיר האבען שעהנע פאהאדע פאר דיעזער צייט פון יאהר. דאס וועט זיין גוט פאר תבואה. — און ער איז ווידער אנשווייגען געוואָרען.

דער באראן איז געוואָרען אונגע־דולדיג און האט שארף א פרעג געטהאן דעם פויער:

— דאס הייסט, דוא ווילסט חתונה האבען מיט ראזאליען?

דער פויער האט ניט ערווארט אזוי גלייך די פראגע און האט מורא געהאט ער זאל דא מיט עפעס ניט אריינפאלען, האט אנגעהויבען ענטפערען ניט אהין ניט אהער, וואס איז אלע מאהל כאראק־טעריסטיש אין א נארמאנישען פויער.

— דאס ווענדט זיך, וויא, ס'הייסט עס קען זיין יא און עס קען זיין ניין.

דער באראן איז געוואָרען אונגע־דולדיג איבער דיעזען קווינקלען פון'ם פויער און האט א זאג געטהאן.

— א, צום טייפעל, ענטפער דאך. ווילסטו זיא נעהמען, יא אדער ניין?

דער יונגערמאן האט זיך צושראקען און האט זיך אנידערגעשטעלט.

— אויב איך וועל קריגען וואס דער היילינער פאטער פערשפרעכט, וועל איך זיא נעהמען; אבער אויב איך וועל מעהר ניט בעקומען וואס הערר זשוליאן זאגט, וועל איך ניט.

— וואס האט הערר זשוליאן גע־זאגט?

— הערר זשוליאן האט געזאגט, אז איך וועל בעקומען אנדערהאלבען טוי־זענד פראנק און זיין היילינקייט האט מיר געזאגט, אז איך וועל בעקומען צוואנציג טויזענד. פאר צוואנציג טוי־זענד וועל איך זיא נעהמען, אבער ניט פאר פונפצעהן הונדערט.

די באראנין האט אונטערדריקט איהר געלעכטער; איהר איז געווען אמו־זאנט צו זעהען וויא דער פויער דינגט זיך. דער פויער האט נעביך ניט פער־שטאנען, פון וואס איהר לאכט זיך דאס. איז געוואָרען ברוגז און האט אויף איהר קרום א קוק געטהאן מיט איין ווינקעל פון אויג.

דעם באראן איז די גאנצע האמפע־

ויי ניט געפעלען געווארען און ער האט בייזלעך א זאג געטהאן, וויא אבגעהאקט:

— איך האב געזאגט דעם גלח, אז איך וועל דיר געבען דעם בארוויל מאיאנטעק פאר דיין גאנצען לעבען, און נאך דיין טויט זאל דער מאיאנטעק בעלאנגען צום קינד. ווען איך זאג א ווארט איז געזאגט, און קיין חרטה האבען אויף מיין ווארט פאסירט ביי מיר ניט. דער מאיאנטעק איז ווערטה צוואנציג טויזענד פראנק. ווילסטו אזוי אדער ניט?

דער פויער האט זיך אונטערטעניגליך א בויג געטהאן און האט בעקומען אויף איין מאהל לשון.

— א, אויב אזוי, דאן זאג איך ניט ניין. ווען דער רעווערענדישער פאטער האט צו מיר גערעדט, האב איך גלייך איינגעשטימט. דאס וועט געפעלען זיין דעם פריץ, האב איך געקלערט, און איך וועל דערביי גארנישט צוליעגען. אבער ווען הערר זשוליאן איז צו מיר געקומען, האט ער מיר מעהר ניט געבאטען וויא פונפצעהן הונדערט פראנק, האב איך מיך געזאגט: געה בעסער און גע־פיז אוים וואס איז וויא. ניט ווייל איך זאל ניט גלויבען, נור ווייל איך וואלט וועלען וויסען. געשעפט איז געשעפט, אייער עהרווירדיגקייט!...

דער באראן האט איהם איבערגעשלאגען, פרעגענדיג:

— ווען ביסטו פארטיג חתונה צו האבען?

דער פויער איז ווייטער געווארען אין א פערלעגענהייט.

— צו וואלטען מיר ניט בעסער אבשרייבען זיך? — האט ער געזאגט מיט ישוב־הדעת.

דער באראן איז אין כעס געווארען.

— צום טייפעל, דוא וועסט דאך האבען דעם הייראטס־קאנטראקט, דאס איז דאס בעסטע אבשרייבען זיך.

אבער דער פויער איז געשטאנען אויף דאס זייניגע:

— יע, אבער אבשרייבען זיך קען מען דאך סאי וויא סאי, וואס וואלט געהויבען פון זיין פלאץ דער באראן — דאס וועה טאהן?

— הער זיך צו — האט זיך אויפ־ענטפער מיר, יא אדער ניין, אבער גלייך, אויב דוא ווילסט דאס ניט אננעהמען, דאן זאג אז דוא ווילסט ניט; איך האב אנאנדער חתן פאר איהר.

דער געשעפטליכער פויער האט זיך דערשראקען פאר א קאנקורענט; ער האט דערלאנגט זיין האנד דעם באראן, וויא עס איז זייער מנהג, ווען מען מאכט א מסחר.

— נו, א תקיעת־כף; אבגעמאכט.

דער באראן האט אנגענומען זיין האנד און האט א רוף געטהאן:

— לודיווין, דערלאנג אונז א פלאש וויין.

דיא קעכין האט אריינגעטראגען א פלאש וויין און זיי האבען געטרונקען מזל־טוב אויף דער קומענדער האבצייט. דער פויער איז ארוים מיט גרינגערע טריט.

זשוליאנען האבען זיי קיין זאך וועגען דעם ניט דערצעהלט. דיא תנאים זיינען געמאכט געווארען אהן זיין וויסען און איין מאנטאג אין־דער־פריה איז געוועזן דיא חתונה פון ראזאליע מיט דעם פויער דעזשע לעקאק. א שכן האט נאכגעטראגען דעם קינד הינטער דער כלה און חתן, ווען זיי זיינען געגאנגען צו דער חופה אלס א סימן פון געראטענעס. קיינער איז ניט געוועזן איבערראשט; זיי האבען נור מקנא געווען לעקאקען, וואס פאר א גליק איהם איז באשערט. ער איז געבארען געווארען א גליקליכער, האבען זיי אלע גערעדט א פינטעל טהאנ'דיג דערביי מיט'ן אויג, אבער אהן בייזקייט, אהן גיפטיגע שטעכיגקייט.

ווען זשוליאן האט דערהערט פון דעם מסחר איז פארגעקומען א שרעקלי־

כע סצענע; ער האט געמאכט אזא סקאנדאל, אז איבער דעם אליין האט דער באראן מיט דער באראנין געמוזט שנעלער פארלאזען „פאפעל־בוימער“.

זשאנע איז ניט געווען אזוי טרויעריג דיעזען מאל. איהר קינד איז געווארען דער קוואל פון גליק. דער גאנצער צוועק פון איהר לעבען.

## ענטדעקונג און טויט

זשאנע איז שוין אין גאנצען געזונד געווארען, און זשוליאן האט פארגעשלא־גען, אז זיי זאלען אבצאהלען דיא דע־פארווילס א וויזיט. און זיי זאלען אויך אבשטאטען א וויזיט דעם מארקיז דע־קאוטעליע. ער האט אויף אן אויקציאן געקויפט א פאעטאן, וועלכער האט מעהר ניט געפאדערט וויא איין פערד, און זיי קענען דאך שוין אויספאהרען צוויי מאל אין מאנאט.

אין איין שעהנעם דעצעמבער־טאג האט מען דעם גרויסען פערד איינגע־שפאנט אין דעם נייעם פאעטאן און זשאנע מיט זשוליאן זיינען געפאהרען אויף בעזוך צו דיא דע־פארוויל'ס. דער שלאס „לא־ווריליעט“ איז געווען ארומ־גערינגעלט פון איין זייט מיט א גרוי־סער פיש־סאזשעלקע, און פון אנדער זייט מיט א וואלד פון טאנענבוימער. און צוצוקומען צום שלאס, איז געווען נויטיג צו קרייצען אן אלטען שלוס־בריק און דאן דורכפאהרען א מאסיווע אייזערנע טויער אין דעם סטיל פון דער צייט פון לואי דעם דרייצעהנטען. דער שלאס אליין איז אויך געווען לויט דער ארכי־טעקטור פון דערזעלבער צייט. זשוליאן האט פריהער שוין געשילדערט יעדער טהייל פון שלאס זשאנען, אזוי וויא איי־נער וואס איז גוט בעקאנט מיט'ן פלאץ.

— קוק נור אן דעם אריינפאהר; איז דאס ניט גרויסארטיג? גיב א קוק אויף דעם בנין, וויא פרעכטיג! דיא גאנצע לענג פון דער אנדער זייט קוקט ארויס צום סאזשעלקע, א ברייטע וואר־רענדא פיהרט צו אהין. דארט זיינען פעראנקערט פיער שיפען; צוויי פאר דעם גראף און צוויי פאר דער גרעפין. אויף דער רעכטער זייט, דארט וואו דוא זעהסט דיא פאפעל־בוימער, איז דיא ענדע פון דער סאזשעלקע און עס הויבט זיך דארט אן דער טייך. דאס פיהרט גלייך צו פעקאמפ. דער גראף האט זעהר ליעב צו געהען אויף געיעג ארום דיעזער סאזשעלקע, ווייל דא איז פול מיט וואס־סער־עופות. אט דאס רוף איך א שלאס!

דיא טהיר האט זיך געעפענט און דיא בלייכע גרעפין איז ערשיענען. זיא איז דאס ארויסגעקומען בעגעגענען דיא בעזוכער; זיא איז געווען אנגעצויגען אין א וייכען קלייד און האט אויסגע־זעהעןווירקליך וויא א גוט־בעזיצערין. א פאסענדעס בילד פאר דער פרעכטיגע ראהם. זיא האט זיי פארבעטען אין עמפפאנגס ציממער, א גרויסער זאאל מיט אכט פענסטער, פיער פון וועלכע זיינען ארויס צום וואססער.

דיא גרעפין האט געהאלטען זשאנעס האנד אין איהרע, אזוי וויא זיא וואלט זיא שוין קענען צייט איהר לעבען. זיא האט זיא אוועקגעזעצט און האט זיך אליין צוגעזעצט לעבען איהר אויף א נידער־גען ביינקעל. זשוליאן, וועלכער איז פאר דיא לעצטע פינף מאנאטען גע־ווארען ווידער א פריינדליכער וויא זשאנע האט איהם פון אנפאנג דער־קענט, האט געשמייכעלט און האט פא־מיליאר גערעדט. דיא גרעפין האט זיך מיט איהם צורעדט וועגען זייערע שפא־ציערם רייטענדיג. זיא האט געמאכט שפאס פון זיין רייטען און האט איהם א נאמען געגעבען „שאקעלדינער קאוואַ־

ליער" און ער האט זיא גערופען „דיא צענטורען־קעניגין". א שאס האט זיך דערהערט אונטער'ן פענסטער, דאס איז דער גראף געוועזן אויפ'ן סאזשעלקע אויף געיעג. זיין פרוי האט איהם גערופען פון פענסטער און באלד האט זיך געלאזט הערען דאס פאטשען פון וועסלעס אויפ'ן וואסער, דאן וויא דער שיפעל האט זיך אבגעקלאפט אן דער שטיינערנער וואנד און באלד איז ערשיענען דער גראף, נאך וועלכען עס זיינען נאכגעלאפען צוויי הינד. און זיי האבען זיך אויסגעצויגען אויף דעם פאלאוויק פון דרויסען־זייט טהיר. ביי זיך אין דער היים האט דער גראף אויסגעזעהען ניט אזוי אונגעלומפערט און ער האט זעהר הנאה געהאט פון זשאנעס און זשוליאנס בעזוך. ער האט געהייסען דיא דיענער אונטערווארפען נאך עטליכע שייט האלץ אין קאמין און אריינברייגנען מאדיירא וויין און צוקער־געבעקס.

— איהר וועט ביי אונז בלייבען צו מאהלצייט געוויס? — האט ער פלוצלונג א זאג געטהאן. אבער זשאנע, וועלכע האט איהר קינד אויף קיין מינוט ניט געקענט פארגעסען, האט זיך אבגעזאגט. דער גראף איז געשטאנען אויף דאס זייניגע, האט געזוכט איינצורעדען, אבער זיא האט עקשנות'דיג ענטזאגט זיך פון דעם פערגניגען. זשוליאן האט א מאך געטהאן מיט'ן האנד אונגעדולדיג. זיא האט שוין דאן געמוסט איינוויליגען אום עס זאל ניט ארויסקומען א קריעגעריי איבער דעם; זיא האט ניט געוואלט אריינברייגנען איהם אין כעס, און ניט קוקענדיג דערויף וואס זיא האט געליטען פון דעם געדאנק, אז זיא וועט דא בלייבען שפעט און וועט ניט קענען זעהען איהר פאול ביז אין דער פריה, האט זיא דיא איינלאדונג אנגענומען אום ניט אנצוהויבען זיך מיט איהר בייזען מאן.

זיי האבען דארט פערבראכט אן אנגענעהמען אויף־דער־נאכט. זיי האבען שפאצירט צו דיא וואסערפאלס; זיי זיינען געפאהרען אין א שיפעל; דער גראף האט גערודערט, וועהרענד זיינע צוויי הינד זיינען געזעסען אויף ביידע זייטען פון איהם. זשאנע איז געזעסען אליין און האט פון צייט צו צייט איינגעטונקט איהרע הענד אין'ם קאלטען וואסער; זיא האט הנאה געהאט פון דער קיהלקייט, וועלכע איז דורכגעלאפען איהר קערפער פון דיעזער בעריהרונג.

זשוליאן מיט דער גרעפין זיינען געזעסען ביים ענדע פון שיפעל, שמייכלענדיג איינער צום אנדערען — יענער אייביגער שמייכעל פון מענשען, וואס זיינען איבערגליקליך. אבענד איז אנגעקומען. דיא אונטערגעהענדע זונן האט געהאלטען אין שנעל פערשווינדען הינטער דיא גיגאנטישע טאנען־בוימער און דער רויטער הימעל האט עפעס אלעמען געמאכט קיהלער קוקענדיג דערויף.

זיי האבען זיך צוריקגעקעהרט אין עמפפאנגס־צימער, וואו א גרויסער פייער האט איצט געברענט אין קאמין. דיא ווארעמקייט איז געוועזן אן אנגענעהמע און דאס האט זיי געמאכט אלעמען פיהלען מונטער. דער גראף, א גליקליכער, האט א כאפ געטהאן זיין פרוי מיט זיינע פעסטע ארעמס ארום טאליע, האט זיא אויפגעהויבען וויא זיא וואלט געוועזן א קינד און האט זיא שטארק, קלינגענד אנגעקוסט אויף ביידע באקען. זשאנע האט פרעהליך געשמייכעלט, קוקענדיג אויף דעם גרויסען, גוט־מוטהיגען גבור, וועלכען יעדערער האט געהאלטען פאר אן „אנשיקענעם", און האט געטראכט: וואס פאר א טעות מיר מאכען מאנכע מאל. ניט וועלענדיג האט זיא זיך א קעהר געטהאן און א קוק געטהאן אויף זשוליאן, און דער אויסדרוק פון זיין פנים האט איהר

דערשראָקען. ער איז געשטאַנען אין טהיר, שרעקליך בלייך און זיינע אויגען אויסגעשטעלט אויפן גראף.

— ביסטו קראַנק ? — האָט זשאַנע א פרעג געטהאָן — וואָס פעהלט דיר ?

— אה, קיין זאַך ניט — האָט ער געענטפערט מיט כעס — איך האָב זיך פארקיהלט. לאָז מיך צופריעדען.

ווען זיי זיינען געגאַנגען צום עסען, האָט דען גראף געבעטען ערלויבניס אריינצונעהמען זיינע הינד אין עסס־צימער. ביידע הינד זיינען געלעגען ביי איהם פון ביידע זייטען, דערהערענדיג מיט דיא עקען און סקאַווועצענדיג מיט בעזונדער צופריעדענהייט. דער גראף פלעגט זיי צוואַרפען א ביסען יעדע ווײלע און לאַשצען זיי איבער דיא גלאַטע אויערן.

באַלד נאָכ'ן עסען איז דער גראף צוגעשטאַנען צו זיי און געבעטען זיי זאָלען זיך פארברייננגען א ווײלע און זיי וועלען זעהען וויא ער פאַנגט פיש ביי פאַקעל־בעלייכטונג. ער האָט זיי אוועקגעזעצט אויפ'ן וועראנדא, האָט זיך אליין אריינגעזעצט אין א שיפעל, נאָך וועלכען עס איז נאָכגעפאָהרען א דינער מיט אַן אָנגעצונדענעם פאַקעל און געפיהרט א נעץ. דאָס ליכט פון'ם ברענענדען פאַקעל האָט געוואָרפען משונה'דיגע שאָטענס אויף דיא בוימער, און דער גראף, שטעהענדיג אין שיפעל, האָט אויסגעזעהען וויא א פאַנטאַסטישער גיגאַנט. ער האָט אויפגעהויבען דיא נעץ, וועלכע ער האָט געהאַלטען, און זיינע אויפגעהויבענע הענד האָבען אויסגעזעהן אַזוי וויא זיי וואָלטען וועלען דערלאַנגען דיא שטערען. ער האָט דאַן אראָפּגעלאָזען דיא נעץ און דיא דריי, זיצענדיגע אויף דער וועראנדא האָבען דערהערט א פליוך אין וואַסער; דער אַבשלאַג פון הערווע׳זשאַזעף־זשערמער הע־וואָרנעוויל זיין שאָטען האָט זיך געזעהען אויפ'ן וואַנד פון שלאָס.

— גילבערט — האָט זיך דערהערט דעם גראף'ס שטימע — איך האָב געכאַפּט אכט שטיק.

אין א ווײלע אַרום איז ער שוין געווען צוריק אויף דער וועראנדא, בעגלייט פון זיין דינער מיט דעם פאַקעל און ער האָט א וואָרף געטהאָן זיין נעץ. ענדליך האָבען זשאַנע און זשוליאַן גענומען אבשיעד; זיי האָבען זיך איינגעוויקעלט אין שאַלען און דעקעס, וועלכע זייערע פריינד האָבען זיי אויסגעליהען.

— וואָס פאַר א גוטער יונג דער גיגאַנט איז — האָט זשאַנע א זאָג געטהאָן צו זשוליאַנען.

— יאָ, אָבער ער ווייס ניט וויא אויפצופיהרען זיך, ווען פרעמדע זיינען דא — האָט זשוליאַן געענטפערט.

אין א וואָך אַרום זיינען זיי געפאָהרען בעזוכען דיא דע־קאַטעליערס, וועלכע זיינען געווען גערעכענט אַלס די אָנגעזעהענסטע פאַמיליע אין דעם גאַנצען געגענד. זייער נייער שלאָס רעמיניל, וועלכער איז געבויט געוואָרען אין דער צייט פון לואי דעם פערצעהנטען איז געווען פערשטעקט הינטער א פרעכטיגען פּאַרק און דער פּאַרק איז געווען אַרומגערינגעלט מיט געמויערטע ווענד. אויפ'ן באַרג האָבען זיך געזעהען נאָך דיא חורבות פון'ם אַלטען שלאָס. דינער אין גלענצענדע ליווערען האָבען אויפגענומען דיא געסט און אריינגעפיהרט זיי אין א גרויסען שטאַאַטליכען זאַאַל, אין מיטען פון וועלכען עס איז געשטאַנען א מין פּעדעסטאַל, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אַן אונגעהייער גרויסע וואַזע. אויפ'ן פונדאַמענט פון דיעזער וואַזע, איז געווען א ראַהם, אין וועלכען עס איז געווען איינגעפאַסט אַן אויטאָגראַפישער בריעף פון דעם קעניג, אין וועלכען ער בעט דעם מאַרקיז לעאָפּאָלד־

דע־ראַלעבאַסק דע־קאַטעליע אַנצונעמען פון זיין פאַטער דיזע מתנה.

זשאַנע און זשוליאַן האָבען פערהערליכט דיזע קעניגליכע מתנה, ווען דער מאַרקיז און זיין פרוי זיינען אריינגעקומען. דיא מאַרקיזעס האָאָר זיינען געווען געפּודערט. זי איז געווען פריינדליך דורך דער געוואָהנהייט פון העפליכע מאַניערען. זיא האָט זיך געוויזען גנעדיגליך־גוט צו זיי, אָבער מיט אזא איידעלקייט, אז עס האָט געמאַכט א גוטען איינדרוק. דער מאַרקיז איז געווען גרויס, דיק; זיינע ווייסע האָאָר זיינען געווען פערקאַמט ארויף־צו; זיינע בעוועגונגען, זיין שטימע, זיין גאַנצע האַלטונג איז געווען מיט גאוה, מיט גדלות, אזוי וויא ער וואָלט מיט אַלעס געוואָלט מאַכען אַן איינדרוק אויף דיא בעזוכער וואָס פאַר א וויכטיגע פערזענליכקייט ער איז. דאָס זיינען געווען מענשען, וואָס זיינען שקלאַפען פון דער עטיקעטע. זייערע געדאַנקען, זייערע האַנדלונגען, בעוועגונגען, מאַניערען, זיינען געווען תמיד פּינקטליך, קאָרעקט. זיי האָבען געהאַלטען א שטענדיגען געשפּרעך, ניט וואַרטענדיג אויף קיין ענטפער; זיי האָבען געשמייכעלט זייענדיג גלייכגילטיג, אזוי וויא זיי וואָלטען ערפילט א פפליכט, וועלכע איז נויטווענדיג פאַר זייער שטאַנד, ווען זיי נעהמען אויף מיט העפליכקייט אדעליגע פון דער נאַכבאַרשאַפט.

זשאַנע מיט זשוליאַנען האָבען זיך געגעבען דיא מיה צו מאַכען א גוטען איינדרוק, אָבער געפיהלט האָבען זיי זיך דאָרט ניט יום־טוב'דיג. זיי האָבען מורא געהאַט צו בלייבען צו לאַנג און זיי האָבען דאָך ניט געוואוסט אויב עס פּאַסט שוין צו נעהמען אבשיעד און וויא זיי זאָלען אַנהויבען אוועקגעהן. אָבער דיא מאַרקיזע אַליין האָט געמאַכט א סוף צו זייער וויזיט; זיא האָט פּשוט אָבגעהאַקט דעם געשפּרעך אין מיטען, אזוי וויא א קעניגין לאָזט אָב העפליך אַן אונטערטהאַן.

געהענדיג אַהיים האָט זשוליאַן אַ זאַג געטאָהן:

— אויב דיר וועט זיין אנגענעהם וועלען מיר מעהר וויא דיא דע־פּאַרווילס ניט בעזוכען; פאַר מיר זיינען זיי גענוג.

זשאַנע איז געווען מיט איהם איינפערשטאַנען.

דער מאָנאַט דעצעמבער איז געווען זעהר לאַנגווייליג. דאָס איז געווען אַלץ דערזעלבער לעבען זיצענדיג אין הויז, אזוי וויא ער איז געווען לעצטען יאָהר. זשאַנע האָט אָבער ניט געפיהלט לאַנגווייליג, זיא האָט געהאַט איהר פאול וועגען וועמען צו טראַכטען דיא גאַנצע צייט. זשוליאַן האָט אויסגעזעהען דיא גאַנצע צייט אונצופריעדען און איז געווען פערדריסליך ווען נור ער האָט א קוק געטאָהן אויף דעם קינד. צייטענווייז ווען זשאַנע האָט געהאַלטען דעם קינד אויף דיא הענד מיט יענעם אַנפאַל פון צערטליכקייט, וועלכער פּאַסירט מיט אַלע מוטערס, פלעגט זיא קוסען, האָלובען איהם און אויסשטרעקען איהם צו זשוליאַנען, זאָגענדיג:

— פאַר וואָס קוסט דו איהם ניט? עס זעהט אויס, אז דו ליעבסט איהם ניט!

זשוליאַן פלעגט דאַן, געגען זיין אייגענעם ווילען, צובויגען זיך און א ריהר טאָהן דעם קינד'ס שטערען מיט זיינע ליפּען און אַליין אָברוקען זיך ווייטער, אזוי וויא מורא האָבענדיג, אז דאָס עופה'לע זאָל זיך ניט אָנכאַפּען פאַר איהם מיט דיא הענטלאַך. ער פלעגט דערנאָך גלייך אָבטרעטען, אזוי וויא דער אָנבליק פון קינד וואָלט איהם אָבשטויסען.

פון צייט צו צייט פלעגען דיא דע־לאַמאַרס איינלאַדען צו מיטאָג דעם בירגערמייסטער פון דער נאָהענטע־

טטערדטעל, דעם גלח, און דעם דאָקטאָר. אמאָל אויך דיא דע־פּאַרווילס, מיט וועלכע זיי זיינען וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ אינטימער בעפריינדעט. דער גראַף דע־פּאַרוויל האָט זעהר ליעב געהאַט דעם קליינעם פּאָול. ווען ער פלעגט מיט דער פרוי קומען צום בעזוך אין דיא „פּאַפּעל בוימער" פלעגט ער נעהמען פּאָולען אויפ'ן שויס און פלעגט זיך מיט איהם שפּיעלען; אמאָל פלעגט ער איהם אַזוי אַבהאַלטען דעם גאַנצען נאָכמיטאַג אויף זיין שויס. ער פלעגט איהם האַלטען אַזוי פאָרזיכטיג, אַזוי צערטליך, אַז עס האָט געמאַכט אַן איינדרוק וויא ער וואָלט מורא האָבען, אַז דעם קינד וועט וועה טאָהן, ווען ער נעהמט איהם אָן מיט זיינע גרויסע, שטאַרקע הענד; ער פלעגט איהם קיצלען דעם נעזעל מיט זיינע וואַנצעס און צייטענווייז צוכאַפּען זיך קוסען איהם ליידענשאַפטליך. זיין איינצעלנע שטענדיגע זאָרג איז געווען, וואָס גאָט האָט זיי ניט געבענשט מיט קינדער.

דער מאָנאַט מערץ איז געקומען, קלאָהר און שעהן; עס איז געווען כמעט גאָר אַזוי וויא שוין פריהלינג. מאַדאַם גילבערט, גרעפין דע־פּאַרוויל האָט וויעדער אָנגעהויבען שמועסען מיט זשוליאַנען וועגען אויספאָהרען רייטענדיג צוזאַמען.

זשאַנע, וועלכע איז געווען אַ ביספעל מיעד פון דיא לאַנגע מאָנאָטאָנע טעג און נעכט, האָט צוגעשטימט צו בעטהייליגען זיך אין דיא רייט־שפּאַציערען. אַ גאַנצע וואָך האָט זיא זיך אַמוזירט מיט פּערפּערטיגען אַ רייט־קאָסטיום פאַר זיך. דאַן האָבען זיך אָנגעהויבען די עקסקורסיאָנען. זיי האָבען אַלע מאָהל געריטען פּאָאַרווייז, דיא גרעפין מיט זשוליאַן פאָראויס און דער גראַף מיט זשאַנען נאָך זיי, אַ פּוס הונדערט אָבגעווייטערט. דיעזע ביידע פלעגען זיך שמועסען שטיל, רוהיג, וויא צוויי אַלטע גוטע פריינד. זייערע איינפאַכע און עהרליכע נאַטורען האָבען סימפּאַטיזירט איינע מיט דער אַנדערע, און מחמת דעם טעם זיינען זיי געוואָרען שטאַרקע פריינד.

דיא אַנדערע צוויי פלעגען ריידען סודות, שעפּצענדיג, און צייטענווייז אויסברעכען אין שטאַרקען געלעכטער. דאַן פלעגען זיך וויעדער זייערע בליקען באַגעגענען, אַזוי וויא דיא אויגען וואָלטען ריידען אַזעלכע זאַכען, וואָס זייער צונג קען ניט ארויסזאָגען, און זיי פלעגען אָוועקגאַלאָפּירען, אַזוי וויא פּלוצלונג בעפאַלען מיט אַ וואַהנזיניגען וואונש צו אַנטלויפען; זיין ווייט פון אימיצענס אויגען. אַמאָהל פלעגט גילבערטעס גערייצטע שטימע קלינגען פון ווייטען, און דער גראַף פלעגט זיך דערביי אַ ווענד טהאָן צו זשאַנען מיט אַ שמייכעל און זאָגען:

— מיין פרוי איז ניט אימער גוט אויפגעלייגט.

איין נאַכט, פאָהרענדיג אַהיים, איז דיא גרעפין געווען מעהר אויפגערעגט אַלס אימער. זיא האָט צויאַגט איהר פערד און דאַן מיט איין מאָהל איהם אָבגעשטעלט.

— זייט פאָרזיכטיג אום גאָטעס ווילען — האָט זשוליאַן וויעדערהאָלט איהר איינינע מאָהל — איהר פערד וועט זיך צוטראָגען.

— וואָס אַרט דאָס מיך! עס איז ניט אייער עסק — האָט זיא געענטפערט. איהרע ווערטער האָבען געקלונגען שאַרף און קלאָהר אין דער שטילער לופט. דער צורייצטער פערד האָט אָבגעזעצט צוריק און איהם האָט געשלאָגען פּינע פון מויל. דער גראַף איז געוואָרען אונרוהיג.

— זיי דאָך פאָרזיכטיג, גילבערטע! — האָט ער צו איהר אַ געשריי געטהאָן.

אָבער דיא גרעפין, וויא אויף צו להכעיס, האָט געגעבען איהר קלאַטשע וויעדער אַזאַ שמיץ מיט איהר רייטבייטש איבער'ן קאָפּ, אַז דיא קלאַטשע האָט אויפגעשפּרונגען, האָט זיך אָבגעזעצט צוריק, האָט זיך אַ שטעל געטהאָן

דיבאָם און האָט זיך דערנאָך א לאָז גע־טהאָן איבער'ן וועג מיט א געפּעהרלי־כען גאַלאָפּ. איבער פעלדער און לאָנקעס איז זיא געפלויגען, אזוי געפלויגען, אז מען האָט ניט געקענט דערקענען פערד און רייטער.

זשוליאַן איז געווען פּאַראַליזירט פון שרעק. ער איז געשטאַנען אויף איין פּלאַץ, רופענדיג אונמעכטיג: מאַדאַם! מאַדאַם!

דער גראַף האָט זיך א בויג גע־טהאָן אין א מינוט איבער זיין גרויסען נאָרמאַנדישען פערד און געבענדיג איהם א זעץ מיט דיא שפּאָרענס און א העצע מיט זיין שטימע, איז ער פערשוואונדען אין א מינוט, גאַלאָפּירענדיג נאָך זיין פרוי. זשאַנע האָט נאָכגעקוקט וויא ער איז פערשוואונדען אין דער וויטע. דאַן איז זשוליאַן צוגעריטען צו זשאַנע און האָט א זאָג געטהאָן מיט א בייזער שטימע:

— זיא איז היינט משוגע הפּנים.

לאַנגזאַם זיינען זיי געריטען אויף זייערע פערד טאָמער וועלען זיי בע־געגענען זייערע פריינד. אין א מינוט ארום, האָבען זיי בעגעגענט זיי רייטענ־דיג צוריק און זיי זיינען געריטען צוזאַ־מען. דער גראַף איז געווען רויט און בעדעקט מיט שוויים, אָבער ער האָט אויסגעזעהען גליקליך; ער האָט פרעה־לאַך געשמייכעלט און האָט מיט זיין פעסטער האַנד געהאַלטען דעם צוים פון זיין פרוי'ס פערד. ער האָט טריאומ־פיהרט, גילבערטעס פּנים איז געווען בלייך און איינגעפאַלען. זיא איז גע־ווען אָנגעלעהנט אויף איהר מאַנס שול־טער אזוי וויא אָט אָט וועט זיא פאַלען אין אונמאַכט. פון דעם טאָג אָן האָט זשאַנע געוואוסט, אז דער גראַף איז וואהנזיניג פערליעבט אין זיין פרוי.

דעם פאָלגענדען מאָנאַט איז דיא גרעפין געווען פרעהליכער איידער ווען עס איז פריהער, זינט זשאַנע האָט זיא געקענט. זיא פלעגט אָפט קומען אין פּאַ־פּעלבוימער צו בעזוך און איז אלע מאָל געוואָן מונטער און האָט ניט אויפגע־הערט צו לאַכען פון פרייד. עס פלע־גען איהר אָנכאַפּען פלוצלונגע אָנפעלע פון אזא גליק, אז זיא פלעגט זיך צוכאַ־פּען קוסען זשאַנען, אזוי וו"א א מיס־טיריעזער גליק וואָלט עפּעס געקומען פלוצלונג אין איהר לעבען. איהר מאַן איז געווען גליקליך צו זעהען וויא גליק־ליך זיא איז און האָט פון איהר דיא אויגען ניט אראָבגענומען; יעדער מי־נוט פלעגט ער זוכען אָנצוריהרען איהר האַנד, איהר קלייד. איין אָבענד האָט ער א זאָג געטהאָן צו זשאַנען:

— איך בין איצט איבערגליקליך. גילבערטע איז קיין מאָהל פריהער אזוי ניט געווען. זיא ווערט איצט קיין מאָל ניט אין כעס וויא עס פלעגט פּאַסירען מיט איהר פריהער; איהר כאַראַקטער איז איצט א שטילער, רוהיגער; איך פלעג אלץ צווייפלען אויב זיא ליעבט מיך, אָבער איצט וויים איך אז יאָ.

זשוליאַן האָט זיך עפּעס אויך גע־ענדערט. ער איז געווען פרעהליכער, פריינדליכער; אזוי וויא דיא פריינד־שאַפט צווישען דיא צוויי פאַמיליען וואָלט געבראַכט גליק און פריעדען פאַר זיי אלעמען.

א פריהער און בעזונדער וואַרע־מער פריהלינג איז געווען דעם יאָהר און זשאַנע האָט עפּעס געפיהלט זאָנ־דערבאַר. צייטענווייז ביי דעם איין אַנ־בליק פון א קליינע בליהמעל, פלעגט זיא זיך זיסס פערחלומ'ען; שטונדען גאַנצע פלעגט זיא אזוי מאַלאַנכאָליש טרוימען. אין איהר נשמה האָבען זיך וויעדערהאָלט טרוימעריש־זיסס דיא ער־אינערונגען פון איהרע ערשטע טעג פון ליעבע. דאָס איז ניט געווען מחמת דעם וואָס איהר ליעבע צו זשוליאַנען האָט זיך אָבגערופען צוריק, אָה, ניין, דאָס איז לאַנג פערשוואונדען אויף אימער. אָבער איהר גאַנצעס וועזען איז געווען זאָנדערבאַר געריהרט, עפּעס אזוי וויא א נייער, צערטליכער געפיהל וואָלט אין איהר ערוואַכט. זיא איז געווען גערען צו זיין אליין; זיא האָט אין גאַנצען גע־וואָלט איבערגעבען זיך צו דיא וואַרעמע שטראַהלען פון זוהן.

איין פריהמאָרגען, ווען זיא איז גע־

ווען אין איהר געוועהנליכען טרוימערי־
שען צושטאנד, האָט זיך איהר פאָרגע־
שטעלט עפּעס פאַר איהרע אויגען — א
מין פאַנטאזיע, א פאָרשטעלונג פון יע־
נעם פּלאַץ אין וואלד לעבען עטרעטאַט,
ווען דער יונגערמאַן, וועלכען זיא האָט
דאַן געליעבט האָט צום ערשטען מאָהל
גערעדט צו איהר דיא זיסע ווערטער פון
ליעבע. דאָס איז געווען דאָרט דער
פּלאַץ, וואו זיא האָט געטרוימט פון א
גלענצענדער צוקונפט און פון דער פער־
ווירקליכונג פון איהרע האָפנונגען. נאָך
איין מאָהל האָט זיך איהר געוואָלט זע־
הען יענעם פּלאַץ; דאָס איז געווען א
מין עולה־רגל זיין, א מין הייליגער בע־
זוך אויף דעם יום־טוב פּלאַץ פון איהרע
אַמאָליגע געפיהלען; עס האָט זיא גע־
צויגען, וויא דער אנבליק פון פּלאַץ אליין
וועט בריינגען אן ענדערונג אין איהר
לעבען.

זשוליאַן איז נאָך אין דער פריה
אוועק פון דערהיים; זיא האָט ניט גע־
וואוסט וואוהין. זיא האָט געלאָזט אָנ־
זאטלען איהר קליינעם ווייסען פערד און
איז אוועק מאַכען דעם הייליגען בעזוך.
עס איז געווען א שעהנער, פּרעכטיגער,
קלאַהרער טאָג; איינער פון יענע טעג
ווען דיא גראָז, דיא בוימער, אלעס איז
רוהיג, שטיל, אזוי וויא דיא גאנצע נאַ־
טור וואָלט געווען אין א הרעמעל. זשאַ־
נע איז לאנגזאם געריטען; דער קליינער
ווייסער פערד איז זיך געגאַנגען טריט
ביי טריט זיא איז געווען גליקליך אין
איהרע טרוימען.

זיא איז געריטען אראָב דעם טהאָל,
וועלכער פיהרט צום ים; איז דורכגע־
ריטען דיא פעלזען־אַרקע, וועלכע מען
האָט גערופען דער טויער פון עטרעטאַט
און פון דאָרט געריטען צום וואלד, אויס־
צוגעפינען דעם פּלאַץ, נאָך וועלכען עס
האָט אזוי געביינקט איצט איהר
הארץ. זיא האָט געוואַנדערט רייטענדיג
איבער פערשיעדענע וועגען און שטעג־
לעך, אָבער האָט דעם פּלאַץ בשום אופן
ניט געקענט געפינען.

פּלוצלונג, ווען זיא האָט געדאַרפט
איבערקרייצען א ברייטען שליאַך, האָט
זיא דערזעהען פון ווייטען צוויי געזאַ־
טעלטע פערד, צוגעבונדען צו א בוים.
זיא האָט זיי באַלד דערקענט.

דאָס זיינען געווען זשוליאַנס און
גילבערטעס רייט־פערד. זשאַנע איז גע־
ווען אביסעל מיעד פון איהר איינזאַמ־
קייט און די אונערוואַרטעטע בעגעג־
ניס האָט איהר דערפרעהט. זיא האָט
א שפּאָרען געטהאָן איהר פערד אום צו־
צורייטען צו זיי. ווען זיא איז געקומען
צום פּלאַטץ, וואו די צוויי פערד זיינען
געשטאַנען אזוי געדולדיג, וויא זיי וואָל־
טען שוין געווען געוועהנט צו לאנגע
פעריאָדען פון וואַרטען, האָט זי א רוף
געטאָהן. אָבער זיא האָט קיין ענטפער
ניט בעקומען. א פרויען־האַנד־שוה און
צוויי רייט־בייטשען זיינען געלעגען
אויפ'ן גראָז.

—אָט דאָ זיינען זיי געווען —
האָט זיא געטראַכט — און זיי זיינען
מסתמא אָבגעגאַנגען אביסעל ווייטער.
זיא האָט אויפגעוואַרט און געוואונ־
דערט זיך, ווען עס זיינען אריבער
פונפצעהן, צוואַנציג מינוט, וואו קענען
זיי דאָס זיין. זיא איז אראָבגעשטיגען
פון פערד און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן
א בוים. צוויי קליינע פויגעלעך זיינען
אראָבגעפלויגען און זיינען צוגעקומען
גאַנץ נאָהענט וואו זיא איז געשטאַנען.
זי איז געשטאַנען אזוי רוהיג, אז דיא
פויגעלעך האָבען זי ניט געזעהען. דער
„ער"־פויגעל איז ארומגעשפּרונגען ארום
דער „זי"־פויגעלע, האָט אָנגעבויגט
דאָס קעפּעלע און האט ארומגעטענצעלט
סוויטשערענדיג. זשאַנע האָט זיי נאָכ־
געקוקט און האט געטראַכט:

—איך האָב פארגעסען, עס איז
פריהלינג.

דאַן איז אַן אַנדער געדאַנק איהר
ארויף אויפ'ן זינען, א מין פערדאַכט
האָט זיך ערוועקט אין איהר. זיא האָט
ווידער א קוק געטאָהן אויף דער האַנד־

שוה, אויף דיא רייט-בייטשען און אויף דיא פערלאָזענע פערד; זיא איז שנעל ארויפגעשפרונגען אין זאָטעל און איז אוועק געריטען שנעל. זיא האט א שפּאָרען געטאָהן איהר פערד און האָט גאלאָפּירט אויף דעם וועג צוריק. און פאָהרענדיג, האט זיא געטראכט און ארגומענטירט מיט זיך אליין. זיא האט פערבונדען איין פאקט מיט אן אנדערן —א גאנצע רייהע פון פאקטען. וויא האָט זיא דאס פריהער ניט געזעהען? וויא האט זיא געקענט זיין אזוי בלינד ביז איצט? וויא אזוי האָט זיא דאס ביז אהער ניט פערשטאנען די מאָטי־ווען פון זשוליאנס שטענדיגע רייט־שפּאצירען, פון זיין אויספּוצען זיך גאָר וויא אין אמאָליגע טעג פאר זייער חתונה; זיינע קאָקעטישע בענעהמונ־גען, זיין פריינדשאפט און זיין גוטס־קייט? זיא האָט זיך איצט דערמאָהנט אויף דער ענדערונג אויך אין גילבער־טעס כאראקטער; איהרע פּלוצלינגע אָנ־פּעלע פון צערטליכקייט, פון ליעבליכ־קייט; איהר בעזונדערע נערוואזיטעט, און ענדליך יענע פּלוצלינגע ענדערונג אין איהר וואס האָט געמאכט איהר מאן אזוי גליקליך!

זי האָט אָבגעשטעלט איהר פערד, ווארום דאס שנעלע גאלאָפּירען האָט איהר געשטערט צו טראכטען מיט א סדר, צו טראכטען ערענסט. אין איי־ניגע מינוטען ארום האָט זיא געוואו־נען צוריק איהר רוהיגקייט. קיין איי־פערזוכט און קיין האסס איז ביי איהר ניט געוועזן אין הארצען, נור פעראכ־טונג. זיא האט אפילו ניט געטראכט וועגען זשוליאן; וואס ער זאָל ניט טאָהן, וויא ער זאל ניט האנדלען וואָלט זיא שוין מעהר ניט איבערראשט ווע־רען; אָבער דיא פאלשקייט, דער פער־ראטה פון דער גרעפין, פון איהר פריינ־דין, האט זיא שטארק אויפגעבראכט. איז ווירקליך אין דער וועלט קיין זאך ניטאָ וויא בלויז פערראטה און פאלש־קייט?

אָבער זיא האט בעשלאָסען צו בעהאלטען איהרע געפיהלען. פון איצט אָן וועט זיא פערשליסען איהר הארץ פון אלעמען און פון אלעס, בלויז איהר פּאול און איהרע עלטערן וועלען זיין ביי איהר אין הארצען. אלעס אנדערע וועט זיא אויסהאלטען. אריבערטראָגען אזוי שטיל וויא נור מעגליך.

אזוי גיך וויא זיא איז געקומען אהיים האָט זיא גענומען איהר פּאול אויף דיא הענד, איז אוועק מיט איהם צו זיך אין צימער און האָט איהם א שטונדע נאָכאנאנד געקוסט אָהן אָן אויפהער. זשוליאן איז געקומען צום עסען. ער איז געוועזן בעזאָנדערס אויפ־געלעגט, ליעבליך, א נחת צו זעהען.

—וועלען דיינע עלטערן ניט קו־מען צו בעזוך גאָר האי־יאהר? —האָט ער א פרעג געטאָהן זשאנען.

זשאנע איז איהם אזוי דאנקבאר געוועזן פאר דיעזער פראגע, אז זיא האָט כמעט פערגעסען אפילו איהר ענטדע־קונג אין וואלד. א דרינגליכער פער־לאנג צו זעהען איהרע עלטערן האָט אָנגעפילט איהר הארץ; זיי זיינען איהר געוועזן דיא טהייערסטע נאָך איהר קינד. דעם גאנצען אבענד האָט זיא פארנומען מיט שרייבען זיי, בעטענדיג זיי, אז זיי זאָלען זיך אונטעראיילען מיט זייער בעזוך, זאָלען קומען וואס שנעלער.

זיי האָבען געענטפערט, אז דעם צוואנציגסטען מאי קומען זיי, און דאס איז ערשט געוועזן דער זיעבעטער מאי. זשאנע האָט אָנגעהויבען צעהלען דיא טעג מיט אונגעדולד. ניט דערפאר, ווייל זיא האט געברענט מיט אזא פערלאנג צו זעהען זיי, נור ווייל זי האָט געוואָלט אויסגיסען דאָס הארץ. פאר קיינעם ניט, אָבער פאר זיי — מיט זיי קען זיא דאָך הארציג ריידען; זיא קען זיך פערטרויען פאר זיי אלס פאר גוטע, עהרליכע מענ־שען, וועמעס האנדלונגען, וועמעס געד־דאנקען, וועמעס פערלאנגען זיינען רייז, אונפארפלעקט, א חוץ שוין וואס זיי זיי־נען איהרע עלטערן. זיא האט זיך אויס־געלערענט צו זיין פארשטעלט מיט אנ־דערע, אָבער פאר זיי וואָלט זי דאָך געקענט זיין אָפענהערציג. זיא פלעגט בעגריסען דיא גרעפין מיט אָפענע

ארעמס און שמייכלענדיג. זי האט איצט נור געפיהלט דיא איינזאמקייט, זיין ווייט פון אלעמען, א מין פעראכטונג צו אלעמען. מיט יעדען טאָג האט זיך דיזער געפיהל געשטארקט אין איהר. און ווען מען פלעגט איהר קומען דערצעהלען וועגען פערשיעדענע קלאנגען וואס געהען ארום אין דער נאכבארשאפט, האָט דאס איהר בלויז אָבגעעקעלט, גע־ווען איהר איבערדריסיג, ווייטער ניט.

מאסיע גוילארדס טאָכטער האט געהאט א קינד און אין גיכען וועט מען פראווען איהר חתונה. די דיענסט פון דיא מארטינס און דיא 15 יאהריגע מיידעל, זייער שכנה, זיינען שוין אויף אויף דער צייט. די אָרעמע, הינקעדיגע אלמנה, וועלכע מען רופט מיט'ן צונאָהמען „שמוץ" ווייל זיא איז אזוי ברודנע, איז אויך אין אזא צושטאנד. יעדען טאָג האט מען איהר געבראכט אנדערע „פאָטשטען". דער פריהער, זעהר ווארעמער פריהלינג האָט, ווי עס ווייזט אויס, געררייצט די ברואים אזוי וויא די פלאנצען.

זשאנע, וועמעס הארץ איז געווען צובראָכען, וועמעס זינליכקייט און ליידענשאפט איז געווען טויט, וועמעס סענטימענטאלע נאטור איז געווען בלויז פול פון עקזאלטירטע טרוימען, פלעגט זיך וואונדערן און איז געווען עמפעהרט פון דיעזע פאסירונגען. זיא האט פערהאסט געלבערטע, אָבער ניט דערפאר וואס זיא האָט פון איהר אוועקגענומען איהר מאן, נור דערפאר וואס זיא אויך איז פערזונקען געוואָרען אין זומפּ. זיא איז ניט געווען פון יענעם מין, וועלכער איז איבערוועלטיגט פון ניעדריגע תאוות; זי איז געווען גאָר פון אן אנדער נאטור. וויא וואָלט זיא דען געקענט אריינפאלען אויף דעמזעלבען אויפ'ן ווי דיעזע ברואים?

אין דעם טאָג, ווען זיא האָט ערווארט, אז דיא עלטערן וועלען קומען, האָט זשוליאן ווידער ארויסגערופען אין איהר עקעל און אבשטוים מיט א מעשה, וואס ער האָט איהר דערצעהלט מיט גרויס געלעכטער; ער האט איהר דערצעהלט עפּעס וויא א גאנץ נאטירליכע געשיכטע, אז מיט א טאָג פריהער, ווען עס איז ניט געווען קיין באק־טאָג האָט פאסירט עפּעס ביים בעקער. דער בעקער האָט דערהערט עפּעס א גערודער אין אויווען, האָט ער געמיינט, אז דאָס האָט א קאץ פערבלאָנדזשעט אהין; אָבער אָנשטאָט א קאץ האָט ער געפונען זיין ווייב, וועלכע „האָט דאָרט געבאקט קיין ברויט חלילה."

—נו האָט דער בעקער פערמאכט די אויווען—האָט געענדיגט דערצעהלען זשוליאן — און זיי זיינען דאָרטען שיער אָבגעבראָטען געוואָרען אויף טויט. איהר קליינער איינגעל האָט אליין געזעהען וויא זיי זיינען אהין אריינגעקראָכען און האָט געווארענט די שכנים. נו, לעזט זיך דאס ניט, וויא א פאבעל פון לא־פאנטען.

ווען דיא קארעטע איז צוגעפאָהרען צום טהיר און זאשנע האָט דערזעהען איהר פאָטער'ס פנים אין פענסטער, האָט זיך איהר הארץ א צאפּעל געטהאָן; זיא האָט דערפיהלט, אזא קינדערשע שמחה, אזא צערטליכקייט צו איהרע עלטערן, וואו זיא האָט נאָך קיין מאָל פריהער ניט געפיהלט. אָבער אָט איז איהר מוטער ארויס פון קארעטע, און ווען זיא האָט דערזעהען איהר מוטער, וויא פארעלטערט, וויא קראנק זיא זעהט אויס, האָט איהר ווי א דונער־שלאג געטראָפען, אז זיא איז שיער געפאלען אין אונמאכט. דיא בארָאנין האָט אויסגעזעהען אזוי וויא מיט צעהן יאָהר עלטער פאר דיעזע זעקס מאָנאט בלויז וואָס זיא האָט איהר ניט געזעהען. און אזא קראנקליכע געשטאלט, אזא פערלאָשענקייט אין די אויגען, אז דאָס הארץ האָט געריסען קוקענדיג אויף איהר. זיא האָט שוין גאָר קיין כח ניט געהאט צו האלטען זיך אויף דיא פיס.

נאָך דעם וויא זשאנע האָט זיי בעגלייט אין זייער צימער, איז זיא אריינגעלאָפען אין איהר אייגענעם צימער, וואו קיינער האָט איהר ניט געשטערט און האָט זיך שרעקליך צוּוויינט. ווען זיא איז ארויס צוריק צו דיא עלטערן

זיינען איהרע אויגען נאָך אלץ געווען נאַס פון טרעהרען. דער פאטער האָט זי בעגעגענט און זיא האָט זיך ניט געקענט צוריקהאַלטען און האָט אויסגעשריען:

— אה, פּאַפּאַ, וויא שרעקליך מאַמאַ האָט זיך געענדערט! זאָג מיר, וואָס האָט מיט איהר פּאַסירט? וואָס איז געשעהען?

אָבער דער באַראָן איז געווען אייבערראַשט פון איהרע פראַגען. ער, וועלכער איז געוועהנט געוואָרען יעדען טאָג צו זעהען זיין פרוי, זייענדיג שטענדיג מיט איהר, האָט גאָר ניט בעמערקט דיעזע שרעקליכע ענדערונג.

— וואָס דאכט זיך דיר, זשאַנע? —האָט ער געפרעגט — איך זעה ניט קיין אונטערשיעד; זיא האָט אימער געליטען, און זיא איז, דוכט זיך, ניט ערגער אלס שטענדיג.

זשוליאַן האָט אָבער יא באַמערקט דיא ענדערונג און ער האָט זיך אבענדס אָבגערופען צו זשאַנען:

— דיין מוטער זעהט אויס שרעקליך. זיא מוז זיין זעהר קראַנק.

און וויעדער האָט זשאַנע אויסגעבראָכען אין א געוויין.

— אַט הויבט זיך אָן — האָט ער אונצופריעדען א זאָג געטהאָן — איך האָב ניט געזאָגט, אז זיא שטאַרבט שוין. דוא האָסט אימער ליעב צו מאַכען זאַכען ערגער וויא זיי זיינען. זיא האָט זיך זעהר געענדערט, דאָס איז אַלעס, און דאָס איז דאָך גאַנץ נאַטירליך פאַר א פרוי אין איהרע יאָהרען.

נאָך א וואָך צייט האָט זשאַנע זיך שוין צוגעוואָהנט צו איהר מוטער'ס אויסזעהען און צו איהר צושטאַנד. זעלטען פלעגט מען איצט זעהען א שמייכעל אויף דער באַראָנינס געזיכט; זיא האָט קיין מאָל מעהר שוין ניט געלאַכט. בלויז איהרע אויגען האָבען נאָך קלאָהר געזעהען. ווייטער זיינען אַלע גליעדער געווען אין א קראַנקהאַפטען צושטאַנד. אָפט פלעגט זיא בעטען, אז מען זאָל איהר דערלאַנגען איהר „סאַווועניר־קעסטעל". זיא פלעגט פון דאָרט אַרויסנעהמען פּעקלעך אַלטע בריעף, וואָס זיינען איהר זעהר טהייער געווען און זיא פלעגט שטונדען־ווייז זיי לעזען. ווען זי פלעגט זיין אליין, פלעגט זיא מאַנכע פון דיעזע בריעף קוסען געהיים, מיט א מין פערהייליגונג, אזוי וויא מען קוסט א בינטעל האָאר, וואָס איז געבליעבען פון א טהייערסטע אלס אנדיינקונג.

צייטענווייז פלעגט זשאַנע זיא געפינען וויינענדיג. זיא פלעגט צושטעהן דאַן צו דער מוטער מיט פראַגען:

— מאַמינקע, טהייערע, וואָס איז דיר?

דיא באַראָנין פלעגט זיך אָבזיפצען און פלעגט נור ענטפערן:

— קיין זאַך ניט, טאָכטערל; דיזע אנדיינקונגען מיינע האָבען אויף מיר געווירקט. איך האָב זיך דערמאָהנט אויף זאַכען, וועלכע זיינען אזוי טהייער מיין הארצען און וועלכע זיינען שוין פערביי, אויף אייביג פערביי. ווען דו טראַכסט וועגען מענשען, וועלכע דוא האָסט שוין אין גאַנצען כמעט פערגעסען, דוכט זיך, אז אַט זעהסטו זיי וויעדער, הערסט זייערע רייד, און דאָס צונעהמט אזוי דאָס הארץ. דאָס זיינען געפיהלען, וועלכע דוא קענסט נאָך איצט ניט וויסען, דוא וועסט אמאָל, שפּעטער דאָס פיהלען.

אין איין שעהנעם פריה־מאָרגען, ווען דער באַראָן איז ניט געווען צו הויז און דיא באַראָנין האָט געפיהלט עפּעס בעסער, האָט זשאַנע גענומען אויף דיא הענד איהר פּאָול און האָט אוועקגעשפּאַצירט איבער דיא פעלדער, קוקענדיג דאָס אויף איהר קינד און דאָס אויף דיא בלומען. זיא האָט אָנגעהויבען צו טרוימען פון איהר קינדס צוקונפט. וואָס וועט ער זיין? זיא וואָלט אזוי וועלען עס זאָל פון איהם זיין א גרויסער מאַן, א וויכטיגע פּערזענליכקייט. אָבער ניין. זאָל ער בעסער זיין א שטילער, געוועהנליכער מענש, דאַן וואָלט ער זיין שטענדיג לעבען איהר; דיא וועלט וואָלט איהם ניט אָבּרייסען פון איהר, און ער וועט זיא שטענדיג און צערטליך ליעבען, זיין איהר איבערגעבען. זיא האָט איהם געליעבט מיט א מוטערליכער איי־

נעגליעבע; זיא האָט געוואונשען, ער זאָל בלייבען איהר זוהן און מעהר ניט. און צייטענווייז פלעגט איהר פערשטאַנד שטרייטען נעגען איהר הארץ און פלעגט פערלאַנגען ער זאָל דוקא אויסוואקסען א גרויסע פערזאָן.

אזוי איז זיא געזעסען איצט פערטראַכט, ווען זיא האָט פלוצלונג דערהערט וויא אימיצער רופט זיא; זיא האָט זיך א הויב געטהאָן און ארומגע־קוקט זיך, ערשט זיא האָט דערזעהען, וויא מאריום לויפט איבער'ן פעלד צו איהר. ווען ער איז שוין געווען גאַנץ נאָהענט, האָט זיא דערהערט וויא ער שרייט:

— מאדאם, מאדאם, דיא באראָנין איז זעהר שוואך געוואָרען.

זשאַנע האָט דערפיהלט וויא א שוי־דער איז איהר איבערגעלאָפען איבער'ן לייב. זיא איז געלאָפען אהיים אזוי שנעל וויא דיא פיס האָבען איהר געקענט טראַ־גען. זיא האָט שוין פון וויטען געזע־הען וויא א רעדעל מענשען שטעהען אונטער א בוים ניט וויט פון הויז. זיי האָבען אָבגעטראָטען, מאַכענדיג פאַר איהר א וועג און זיא האָט דערזעהען ווי איהר מוטער ליגט אויף דער ערד און קישעלעך אונטערגעלייגט איהר צוקאָ־פענס. איהר פנים איז געווען שוואַרץ, איהרע אויגען געשלאָסען און איהר ברוסט האָט זיך ניט באוועגט. דיא דיענסט האָט צוגענומען דעם קינד פון זשאַנעס הענד און איז אָבגעטראָטען מיט איהם. זשאַנע האָט מיט ערשראָקענע בליקען געפרעגט:

— וואס האָט פאסירט? לויפט נאָך'ן דאָקטאָר, שנעל. וויא איז זיא דאס דא? איז זיא אומגעפאלען?

דער גלח איז שוין דאָ אויך געווען. אימיצער האָט זיך איינגעקעהרט צו לויפען נאָך איהם.

— מען דאַרף זיא ארייַנטראָגען אין הויז און אוועקלייגען אין בעט — האָט דער גלח געזאָגט צו דיא ארומיגע.

זיי האָבען זיא ארייַנגעטראָגען אין איהר צימער און אריינגעלייגט אין בעט. דיא אלמנה דענטו איז דאָ שוין אויך געווען, אזוי וויא זיא וואָלט דערשמעקען דעם טויט. אימיצער איז געלאָפען נאָך'ן דאָקטאָר, און דיא אלמנה דענטו האָט א מורמעל געטאָהן צום גלח:

— ניטאָ וואס צו בעמיהען זיך, זיא איז טויט.

דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט אלעס אויסגעפרעגט און האָט נור גע־קענט זאָגען צו זשאַנען.

— פאסט זיך, מאדאם, איך האָב מורא... איך רעכען, אז אלעס איז פער־ביי.

זשאַנע האָט א הויב געטאָהן דיא הענד אין דער הויך און איז אנידערגע־פאַלען אויף איהר מוטער'ס קערפּער. אין דער מינוט איז זשוליאן ארייַנגעקו־מען. ער האָט ניט געוואוסט און עס איז פאר איהם געקומען אונערוואַרטעט.

—איך האָב געוואוסט, אז זיא וועט ניט לאַנג ציהען — האָט ער נור גע־זאָגט און ער האָט בלומר'שט א וויש געטאָהן דיא אויגען, אזוי וויא ער וואָלט אין אמת'ן געוויינט.

ער האָט זיך געשטעלט אויף דיא קניע, האָט זיך איבערגע'צלם'ט און האָט עפּעס געשעפּצעט. אין איינינע מינוטען ארום האָט ער זיך אויפגעהוי־בען, האָט אָנגענומען זשאַנען אונטערן האַנד און האָט זיא געוואָלט אויפהוי־בען. אָבער ער האָט ניט געקענט. זיא האָט געהאַלטען ארומגענומען איהר מו־טער'ס קערפּער פעסט אין איהרע אָרעמס און האָט זיא בעדעקט מיט קו־סען. עס האָט אויסגעזעהען וויא זיא וואָלט פערלאָרען איהר זינען. זיי האָ־בען ענדליך מיט גוואלד געמוזט זיא אָב־רייסען פון'ם טויטען קערפּער.

אלעס אין הויז האָט זיך איצט פערוואַנדעלט אין טרויער. נאכט איז אָנגעקומען. דער גלח איז צוגעגאַנ־גען צו זשאַנען און אָנגעהמענדיג איהר

האנד האָט ער געזוכט זיא צו טרייסטען. ער האָט גערעדט וועגען דער פערשטאָר־בענער לויבענדיג איהר אנדיינקונג, מיט דיא אָנגענומענע טרויער פון דיא, וועלכע עס האָבען פרנסה פון טויט. ער האָט איהר פאָרגעשלאָגען צו זיצען מיט איהר לעבען דער פערשטאָרבענער און פערברייינגען דיא גאנצע נאכט אין בע־טען פאר איהר נשמה.

זשאנע האָט וויינענדיג אָבגעזאָגט זיך דערפון. זיא האָט געוואָלט זיין אליין, לחלוטין אליין מיט איהר מו־טער.

— אָבער דאָס איז דאָך אונמעג־ליך — האָט געזאָגט זשוליאן — איך וועל אויך זיין מיט דיר צוזאמען.

זשאנע איז ניט געווען אים שטאנד איצט צו האמפערען זיך, אָבער האָט גע־שאָקעלט מיט'ן קאָפּ: „ניין!“ און ווען זיי זיינען צוגעשטאנען מעהר מיט איינרעדענים, האָט זיא געענטפערט:

— דאָס איז דאָך מ י י ן מו־טער. לאָזט מיך, איך וויל בלייבען אליין מיט איהר.

דער דאָקטאָר האָט זיי אָבגערו־פען און האָט זיי איינגעראמט וויא א סוד שטילערהייט:

— זיא איז צו נערוועז, האמפערט זיך ניט צו פיעל מיט איהר. זאָל זיין אזוי וויא זיא וויל. דיא דיענסט קען זיין אין דע רשטיל אין צווייטען צי־מער.

דער גלח מיט זשוליאנען האָבען זיך אין הארצען אין אמת'ן דערפרעהט דערפון. זיי האָבעןביידע געטראכט, וויא זאָל עפּעס פאסירען אזוי אז זיי זאָלען קענען שלאָפען בעסער דיא נאכט אונגעשטערט. דער גלח האָט זיך גע־שטעלט אויף דיא קניע אין געבעט איידער ער האָט פערלאָזען דעם צימער, און ארויסגעהענדיג האָט ער געזאָגט מיט דיזעלבע פרומקייט וויא ער האָט מתפלל געווען:

— זיא איז געווען א הייליגע.

זשוליאן, וועלכער האָט ערשט אָב־געגעסען זיין אבענד מאָהל צייט, איז צוגעגאנגען צו זשאנען און האָט ווייך געפרעגט:

— ווענסטו עפּעס פיעלייכט נעה־מען אין מויל אריין?

— ניין — האָט זיא געענטפערט.

— ווילסט דו דאָך, איך זאָל דיך לאָזען אליין? — האָט ער א פרעג גע־טאָהן דערלאנגענדיג איהר זיין האנד.

— יא, לאָז מיך — האָט זיא גע־ענטפערט אונוויליג אָנגעהמענדיג זיין האנד.

ער האָט איהר א קוס געטאָהן אין שטערען און האָט געזאָגט שטיל:

— איך וועל אלע ווייעלע אריינקו־מען — און ער איז ארויס.

דיא אלמנה דענטו איז אויך נאָך איהם ארויס פון צימער און האָט זיך אוועקגעזעצט אין צווייטען רום דרעמ־לען.

זשאנע איז געבליעבען אליין, האָט פערמאכט דיא טיהר, האָט ברייט צוע־עפּענט ביידע פענסטער. א זיסער גערוך פון דיא פריש-אָבגעשניטענע היי האָט א בלאָז געטאָהן פון דרויסען און האָט גע־צערטעלט איהר פנים. וואָס פאר אן אי־ראָניע פון שיקזאל. איהר האָט דאָס פער־דראָסען און זיא איז גלייך אוועק צוריק צו איהר מוטער'ס טויטען קערפּער. זיא האָט זיך אין איהר גוט איינגעקוקט. עס האָט אויסגעזעהען אזוי וויא דיא מוטער וואָלט בלויז ריהיג שלאָפען. א גאנצע מאסע עראינערונגען האָבען זיך פּלוצלונג ערוועקט אין זשאנעס געהירען.

זיא געדיינקט וויא איהר מוטער פלעגט קומען אין מאנאסטיר איהר בע־זוכען, וויא זיא פלעגט איהר ברייינגען א גאנצען זעקעל צוקער-געבעקס. איהרע ווערטער, איהרע גרימאסען, איהרע בלי־קען האָט זיא זיך איצט דערמאָהנט. און איצט — —

זי איז טויט! — וויא דאָס וואָלט פּלוצלונג איהר ערשט איצט געגעבען א קלאפּ אין קאָפּ. דיזער טויטער קערפּער איז דאָס איהר מוטער, איהר טהייערע, ליעבע מוטער. און זיא וועט שוין מעהר ניט ווייזען איהר ליעבען שמייכעל, וועט

מעהר ניט בעגריסען זיא אין-דער-פריה: „גוט מארגען זשאנינקע.“ זיי וועלען זיא ארײנלייגען אין א טרונע, וועלען פארשלאגען מיט נעגעל און וועלען אראבלאזען אין דער ערד, און דאן — אלעס פערביי: זיא וועט איהר שוין מעהר קיין מאהל ניט זעהען!

איז עס מעגליך? נאך עטליכע שטונדען בלויז קען זיא קוקען און בעטראכטען דעם פנים פון איהר ליעבע מוטער, און נאך דעם וועט שוין קיין זאך פון איהר ניט פערבלייבען, מעהר ניט וויא ערינערונגען וועגען איהר. זיא איז געפאלען אויף דיא קניע מיט א הארץ-ברעכענדען שלוכצען: „א, מאמא, מאמא, מיין אונגליקליכע, גוטע מאמא!“

זיא האט געפיהלט, אז זיא פערליערט איהר פערשטאנד אזוי וויא אין דער נאכט ווען זיא איז א נאקעטע, א בארפיסע געלאפען אין שניי. זיא האט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צום פענסטער. דיא קיהלקייט פון דער נאכט האט אויף איהר געאטהעמט מיט פרישע לופט, און די שטילקייט פון דער נאכט, דיא ריחות פון דיא פריש-געשניטענע היי האט זיא געשטילט און זיא האט ווייך געוויינט, געוויינט מיט דער שטילקייט פון א קינד פאר'ן איינשלאפען. וויעדער איז זיא צוגעגאנגען צום בעט און אנגענומען איהר מוטער'ס האנד, אזוי וויא דאס וואלט געווען דיא האנד פון א קראנקער. א גרויסער אינזעקט, צוגעצויגען פון דער ברענענדער ליכט, איז ארײנגעלאפען אין צימער און האט ארומגעשוועבט פון איין ווינקעל צום אנדערן. זשאנע האט נאכגעקוקט דעם אינזעקט א ווײלע און האט באלד וועגען דעם פארגעסען. דער טיק-טאק פון א זייגער האט געצויגען איהר אויפמערקזאמקייט: דאס איז געווען איהר מוטערס זייגעריל, אנגעשפילעט אז איהר קלייד, וועלכע מען האט נאכלעסיג אוועקגעלייגט אויף א שטוהל: דער זייגעריל געהט נאך, און איהר מוטער'ס הארץ קלאפט שוין ניט מעהר. זיא האט א קוק געטאהן אויפ'ן זייגער: ערשט האלב נאך צעהן. א שוידער האט זיא פלוצלונג אנגעכאפט ביי דעם געדאנק, אז זיא וועט דא בלייבען אליין די גאנצע נאכט.

און דאן האבען זיך דיא געדאנקען וויעדער א מיש געטאהן: איז דען אין דער וועלט מעהר ניטא, וויא צרות, יסורים און טויט? און איהר זיינען ארויפגעקומען אויף דיא געדאנקען איהרע צרות, וואס זיא האט דורכגעלעבט: וועלכע ענטוישונגען, ראזאליע, גילבערטע. א, אלעס איז בלויז פאלשקייט, נאררעריי און יסורים. וואס בלייבט איהר אין לעבען אויסער יסורים און טרערען? וואו וועט זיא געפינען רוהע, סיידען אויף ווען דיא נשמה וועט זיך בעפרייען פון גוף. דיא נשמה! און וואו איז דיא נשמה פון דיעזען קאלטען, אונבעוועגליכען קערפער? וואו איז איהר מוטער'ס נשמה? אפשר דא נאהענט, אין צימער, שוועבט ארום דעם לעבלאזען קערפער? פלוצלונג האט זיא דערפיהלט אזוי וויא אן אטהעם, א גייסט וואלט ארומשוועבען ארום איהר. איהר האט אנגעהאפט אזא פחד, אז זיא האט ניט געוואגט א ריהר צו טאהן זיך פון פלאץ, אן אטהעם צו טאהן, אדער א קוק טאהן אן א זייט. איהר הארץ האט געקלאפט אזוי וויא אט אט וועט זיא פלאצען.

דער אינזעקט האט ווידער אנגעהויבען צו שוועבען און זשאנע האט געווארפען אין שרעק, אבער זיא האט זיך איינגעקוקט, האט זיך איבערצייגט, אז דאס איז אן אינזעקט און זיא האט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צו איהר מוטער'ס שרייב-טישעל. א זיסער, אנגענעהמער און זאנדערבארער געדאנק איז איהר ארויף אויפ'ן זינען. זיא וועט לייענען דיא בריעף, דיא אלטע בריעף, וועלכע איהר מוטער האט געהאלטען אזוי טהייער. עפעס וויא א הייליגע



פְּלוּטְצְלוּנְג האָט זיך אַ חֲשַׁד ערוועקט אין דזשאָנעס געדאַנקען.

זאַך פאר דעם אַנדיינקען פון איהר מו־טער וואָלט זיא דאָס געטאָהן. פיעלייכט זיינען דאָס דיא בריעף פון איהר באבען און זיידען צו איהר מוטער. וואָס פאר א הייליגע אַנדיינקונג!

זיא האָט געעפענט דעם שרייב-טיש, האָט ארויסגענומען פון טיש-קעסטעל עטליכע פעקלעך, אַבגעבלאַקירטע, פאר־געלטע פאַפּיער, נעט פארבונדען. מיט א פארעהרונג האָט זיא זיי גענומען, אוועק געלייגט אויף איהר מוטער׳ס בעט, לע־בען קערפּער, האָט זיך געזעצט און אָנ־געפאנגען לעזען. דער ערשטער בריעף, וואָס זיא האָט געעפענט, איז געווען גע־ווענדעט „צו מיין ליעב קינד" — און אַנ־דערער „מיין ליעבע אדעלאַאידע." דיא בריעף זיינען געווען פול מיט צערטליכ־קייט און מיט הונדערטע איינצעלהיי־טען, קליינינקייטען, אלץ וועגען מענשען און נעמען, וועלכע זיינען איהר אַזוי פרעמד. אַ, מען דארף זיי אוועקלייגען אין קבר, אזוי וויא בלומען.

אין אנדער פעקעל האָט זיא אין עפּען געטאָהן און האָט אַנגעהויבען לעזען איי־נעם נאָכ׳ן אנדערן: „איך קען ניט לעבען אָהן דיר, איך ליעב דיך ביז וואַהנזינן" און קיין אונטערשריפט. זיא האָט א קוק געטאָהן דעם אדרעסס: „צו דער באַראָ־נין „לע פּערטואַ-דע-וואו", ווידער איי־נעם האָט זי געעפענט און געלעזען: „קום היינט ביינאַכט אַזוי גיך וויא ער געהט אוועק; מיר וועללען האבען א שטונדע א גאַנצע. איך פערגעטער דיך," דאן אן אנדערער: „איך האָב פער־בראַכט א וואַהנזיניגע נאַכט, אומזיסט האָפענדיג און ערווארטענדיג דיך. דוא ביסט געווען אין מיינע ארעמס. מיינע ליפּען האבען בעריהרט דיינע, און דאן האָב איך געפיהלט וויא ארויסצושפּרינ־גען פון פענסטער ביי דעם געדאַנק, אַז אין דערזעלבער שטונדע ביסט דוא אין זיינע ארעמס."

זשאַנע איז געווען צומישט. צו ווע־מען זיינען דיזע ווערטער געווען אדרע־סירט? אלץ אזעלכע ליעבעס-ערקלעה־רונגען אויך אין דיא ווייטערע בריעף און אונטען אונטערגעשריעבען: „זיי זיכער צו פארברענען דיזע בריעף" און דער נאָמען „פּאול ד׳ענעמאַר." איז דאָס דער, וועמען דער באַראָן, איהר פאָטער פלעגט שטענדיג דערמאָהנען אלס „מיין אלטער פריינד פּאול" און וועמעס ווייב איז געווען איהר מוטער׳ס בעסטער פריינד?

פּלוצלונג האָט זיך א חשד ערוועקט אין איהרע געדאַנקען. און באלד איז דער חשד געוואָרען אַן איבערצייגונג. דיזער מאַן איז געווען איהר מוטער׳ס געליעבטער! זיא איז אויפגעשפּרונגען און האָט א וואָרף געטאָהן דיא ליעבעס־בריעף אזוי וויא אַבשפּרינגענדיג פון א שלאַנג און זיא האָט אויסגעבראָכען אין א שרעקליך געוויין.

דאָס האָט זיא אַזוי צובראָכען, געטריבען אין אַזאַ פערצווייפלונג, אַז זיא איז געזונקען צו דער ערד. זיא האָט ביטערליך געשלוכצעט, בעהאַלטענדיג איהר געזיכט אין דיא הענד, אַז עס זאָל זיך ניט הערען איהר כליפּען.

זיא וואָלט אזוי געבליבען אויף דער ערד וויינענדיג דיא גאַנצע נאַכט, אָבער טריט האָבען זיך דערהערט אין דעם נאָ־הענטען צימער און זיא האָט זיך אויפ־געהויבען. אפשר איז דאָס איהר פאָטער און דאָ זיינען צוואַרפען דיא בריעף אויפ׳ן בעט און אויף דיא דילען; ער וואָלט נור געדארפט אויפהויבען איי־נעם פון זיי און איבערלעזען און ער וואָלט דאן דערוויסען זיך שוין וועגען אַלעס! זיא האָט שנעל אויפגעהויבען דיא בריעף: דיא וואָס זיינען געווען פון איהר מוטער׳ס געליעבטען, דיא וואָס זיינען געווען פון איהרע עלטערן, דיא וואָס זיא האָט געלעזען און דיא וואָס זיא האָט ניט געלעזען, וויא אויך דיא וואָס זיא האָט נאָך גאָרניט אויפ־געבונדען און האָט זיי אלע אריינגע־

וואַרפען אין קאַמין ; דאן האָט זיא גענומען דיא ליכט און האָט זיי אונטערגעצונדען. ווען זיי זיינען אלע פארברענט געוואָרען און עס איז פון זיי מעהר ניט געבליעבען וויא א הייפעל אַש, האָט זיא זיך צוריק אוועקגעזעצט לעבען פענסטער ; זיא האָט ניט ענטשלאָסען זיך צוצוגעהען וויעדער צו דער מוטער. זיא האָט וויעדער פארדעקט איהר פנים מיט ביידע הענד און האָט געקלאַגט :

— א, מיין אונגליקליכע מאמא, מיין אונגליקליכע מאמא !

א שרעקליכער געדאנק איז איהר ארויפגעקומען. וויא וואָלט זיין ווען איהר מוטער וואָלט ניט געווען טויט ; אויב זיא איז דאָס נור איינגעשלאָפען און וועט זיך אויפכאַפּען. וואָלט דאן די שרעקליכע ענטדעקונג פון איהר געהיימנים ניט צושטערען דיא ליעבע צו איהר ? וואָלט זיא דען געקענט קוסען איהר מוטער מיט דערזעלבער איבערגעבענהייט, מיט דיעזעלבע הייליגע געפיהלען וויא ביז איצט ? ניין ! דאָס וואָלט זיין אונמעגליך. דיעזער געדאנק האָט איהר פעראורזאכט גענוג הארצווייטאג.

דיא נאכט האָט אָנגעהויבען צו פארשווינדען ; דיא שטערען האָבען כמעט אין גאנצען זיך שוין בעהאלטען און דיא לבנה איז שנעל געזונקען צום ים. זשאנעס געדאנקען האָבען זיך א קעהר געטהאָן צו דער צייט, ווען זיא איז ערשט אָנגעקומען אין פאפעל־בוימער. זיא איז דאן אויך דיא גאנצע נאכט געזעסען לעבען פענסטער, אָבער אונטער גאנץ אנדערע אומשטענדען. וויא אלעס איז אנדערש געווען ; וויא אנדערש האָט אויסגעזעהען דיא צוקונפט !

עס האָט שוין געטאגט, — א פרעכטיגער פריה־מאָרגען, און זשאנע האָט זיך געוואונדערט וויא עס האָט געקענט מעגליך זיין, אז אין אזא פרעכטיגען טאָג, אין אזא פראכט פון דער נאַטור זאָל קיין גליק, קיין פרייד ניט זיין אויף דער ערד. א געריוש פון אימיצען עפענדיג דיא טהיר האָט זיא אָבגעריסען פון איהרע געדאנקען. דאָס איז געווען זשוליאַן.

— נו, ביסט דוא מיעד ? —האָט ער א פרעג געטהאָן.

— ניין, — האָט זיא געענטפערט און איז כמעט גערן געווען צו זעהען איהם.

— וואָלסט אפשר בעסער געגאנגען אָברוהען זיך איצט — האָט ער געזאָגט.

זשאנע איז שטיל און טרויעריג צוגעגאנגען, א קוס געטהאָן איהר מוטער און איז אוועק צו זיך אין צימער. דיעזען אבענד איז דער באראָן געקומען צוריק פון זיין רייזע. ער האָט ביטערליך געוויינט. אויף מאָרגען האָט געדארפט זיין דיא לויה.

ווען זשאנע האָט צום לעצטען מאָל א קוס געטהאָן איהר מוטער אין שטערען, ווען זיא האָט געזעהען וויא זיי פארשלאָגען איהר טרונע, זיינען בעזוכער אָנגעקומען און זי האָט אָבגעטראָטען אן א זייט. דיא ערשטע איז געקומען גילבערטע. זיא איז געפאלען זשאנען אויפ'ן האלז, האָט זיא געקוסט און האָט געוויינט. איינינע פרויען, געקליידעט אין טרויער, זיינען אריינגעקומען. זשאנע האָט זיי ניט געקענט. דיא מארקיזע דע־קאַלטעליער און דיא גרעפין דע־בירזעוויל זיינען אויך געקומען, האָבען געקוסט זשאנען מיט טרויעריגע פנית'ער. פלוצלונג האָט זיא דערזעהען טאנטע ליזאן, וויא זי וואָלט שטילערהייט זיך צוגעגליטשט צו איהר ; זיא האָט איהר צוגעדריקט צו איהר ברוסט אזוי שטארק, אז דיא אלטע מויד איז שיער געבליעבען אין אונמאכט. זשוליאן איז אריינגעקומען, אָנגעצויגען אין טיעפען טרויער און דאָס האָט איהם געקליידט. ער האָט א שעפּצע געטהאָן צו זיין פרוי, פרעגענדיג איהר עצה וועגען עפּעס. דאן האָט ער געענדיגט העכער :

— דער גאנצער אדעל איז דאָ, עס וועט זיין א גרויסארטיגע לויה.

ער האָט זיך פערנייגט צו דיא דאַ־

מען און איז ארוים. טאנטע ליזא'ן און גילבערטע זיינען געבליעבען לעבען זשאנע'ן אין דער גאנצער צייט פון דער צערעמאָניע. גרעפין גילבערטע האָט געהאלטען אין איין קוסען איהר זאָגענדיג:

— מיין טהייערינקע, אונגליק־ליכע!

ווען דער גראף איז געקומען נעה־מען זיין פרוי, האָט ער געוויינט ביט־טערליך, הארציג, אזוי וויא ער וואָלט דאָס פערלירען זיין אייגענע מוטער.

## דער גלח און דיא בעלוינונג.

טרויעריג זיינען געוועזן דיא פאָל־גענדע טעג, ווארום דאָס הויז האָט אויסגעזעהען פוסט עפעס איבער דער אבוועזענהייט פון א געליעבטער פער־זאָן, וועלכע איז אויף אייביג אוועק פון דער וועלט, וועהרענד, אז עס זיינען געבליעבען דיא זאכען, וועלכע זיינען איהר געווען טהייער און וועלכע זיא האָט געברויכט ביים לעבען, און דאָס איז געווען וויא א משא אויף דיא הער־צער פון דיא פארבליעבענע. אָט איז דיא גלאָז, פון וועלכע זיא האָט גע־טרונקען און וועלכע דיא דינסט האָט זיך פארגעסען צוצונעהמען; דער פור־טעל, אין וועלכען זיא פלעגט זי־צען; איהר שירעם איז נאָך גע־שטאנען אין קארידאָר! און אזוי אין יעדען צימער האָבען זיי געפונען עפּעס, וואָס זיא האָט דאָרט איבערגעלאָזען: איהרע שיכלעך, איהר האנדשוה, א בוך וועלכען זיא האָט שטענדיג געלעזען, און אזוי א דוצענד אלערליי זאכען, קליינינקייטען, וועלכע האָבען פעראור־זאכט שמערצען, צער, ווארום זיי האָבען אלץ דערמאהנט וועגען איהר, וועגען איהרע געוועהנהייטען.

איהר שטימע האָט זיי אויף פער־פאָלגט; זיי האָט זיך געדוכט, אז זיי הערען דיעזע שטימע און זיי וואָלטען גערען געוועזן אוועקצופאָהרען ערגעץ נור צו אנטלויפען פון דער פערפאָלגונג פון דיעזע אלע עראינערונגען. און זשא־נע — זיא איז דאָך נאָך דערצו געווען נידערגעשלאגען פון איהר ענטדעקונג. דאָס איז געווען שטענדיג אזוי וויא א משא אויף איהר געהירען; איהר פערוואונדעטע הארץ האָט ניט געוואָלט געהיילט ווערען. זיא האָט זיך גע־פיהלט נאָך איינזאמער איבער דער געהיימניס, וואָס זיא האָט געטראָגען אין הארצען, דיעזע שרעקליכע געהיימ־ניס איבער וועלכער זיא האָט פערלאָ־רען איהר לעצטען גלויבען, איהר לעצ־טען פערטרויען אין מענשען.

דער באראָן איז אין א קורצער צייט ארום אוועקגעפאָהרען. איהם איז אזוי נויטהיג געווען אן איבערבייט, אנ־דערע לופט, אנדערע אומגעבונג. ער האָט געהאָפט דורך דיעזער ענדערונג צו ערהאלטען זיך א ביסעל פון דעם טרויער, וואָס האָט איהם אלץ מעהר און מעהר געדריקט. און דאָס לעבען אין'ם גרויסען שלאָס, וועלכען דיא אלטע בעלי בתים האָבען איינער נאָך איינעם פערלאָזען, האָט אנגעהוי־בען פליסען געוועהנליך, שטיל און וואָ־כעדיג.

דאן האָט פאסירט, אז פאול איז קראנק געוואָרען און זשאנע, א פער־זאָרגטע, א פארשמערצטע איז געזע־סען צוועלף מעת-לעת לעבען זיין בע־טעל וויא טאָג אזוי נאכט, זעלטען נעהמענדיג וואָס אין מויל, זעלטען צו־מאכענדיג מיט אן אויג.

פאול איז ענדליך בעסער געוואָרען. אבער זיא איז נאָך אלץ געווען אונטער דעם שרעק פון'ם געדאנק, אז זיא האָט איהם געקענט פערליערען. וואָס וואָלט פון איהר געוואָרען? און אין איהר האָט זיך אנגעהויבען צו ערוועקען א בענקונג נאָך א צווייטען קינד. איהר אלטער הלום צו זעהען צוויי קינדער שפּיעלען זיך ארום איהר, א מיידעלע און א אינ־געלע, האָט פערכאַפּט איהר גאנצעס הארץ און איז געוואָרען אזא דרינגענדער וואונש, אז דאָס האָט זיא אין גאנצען בעהערשט.

אבער זינט דיא פאסירונג מיט ראָ־זאליען האָט זיא געלעבט אבגעזונדערט

פון זשוליאַנען, און עס האָט אויסגעזע־הען אונמעגליך, אַז עס זאָל צווישען זיי זיין אַ אייניגונג אונטער די עקזיסטי־רענדע אומשטענדען. דערצו האָט דאָך איהר מאַן געהאַט אַן אַנדער ליעבהאַבע־ריז. זי איז דעריין זיכער געווען, און ווען זיא פלעגט נור אַ טראַכט טהאָן וועגען אויפנעהמען איהם, פלעגט אַ שוידער איבערלויפען איהר איבער'ן לייב. דער וואונש צו האָבען נאָך אַ קינד האָט פון דעסטוועגען איבערוועלטיגט איהר אַב־שטויס פון איהם. זיא האָט אָבער ניט געוואוסט וויא זיא זאָל מיט איהם פריע־דען שליעסען. זיא וואָלט דוכט זיך בע־כער שטאַרבען איידער לאָזען איהם ווי־סען איהר פערלאַנג, ווארום עס איז געווען קענטיג, אַז זיא אַארט איהם אין גאַנצען ניט.

זשאַנע וואָלט אפשר נאָך ענטזאַגט זיך אין דיזען ליעבליכען וואונש אָבער זיא האָט איצט שוין יעדע נאַכט געזעהען אין טרוים אַ קליינע מיידעלע שפּיעלענ־דיג אונטער'ן לינדען־בוים מיט פּאַול'ען, אַזוי, אַז זיא האָט מאַנכע מאָהל געפיהלט אַז אונאיבערוועלטיגענדען איינפלוס אויפצושטעהען און זוכען איהר מאַן אָהן ויערטער. צוויי מאָהל איז זיא צוגעגאַנ־גען שטיל צו זיין טיהר, אָבער איידער זיא האָט אַן עפען געטאָהן האָט זיא זיך אָבגעצויגען צוריק, בעפאַלען פון אַ ברע־נענדע שעהמעוודיגקייט.

דער באַראָן האָט דעם שלאָס פער־לאָזען; איהר מוטער איז טויט; זיא האָט קיינעם ניט פאַר וועמען איהר האַרץ אויסצוריידען, מיט וועמען מיישב צו זיין זיך, וועמען צו פערטרויען איהר אינטימע געהיימניס. וואָס זאָל זיא טאָהן? זיא האָט בעשלאָסען צו געהן צום גלח, פאַטער פּיקאָט, און זאָגען איהם, אַלס אַ געשטענדניס, אַלס אַ מתודה זיין זיך וועגען דיא שווערע פּלענער, וואָס זיא טראָגט אין האַרצען.

זיא האָט איהם געפונען אין אַ קליינעם פרוכט־גאַרטען לעזענדיג. נאָך דעם וויא זיי האָבען גערעדט וועגען עט־ליכע אַלטעגליכע זאַכען, האָט זיא רויט ווערענדיג אַנגעהויבען צו שטאַמלען:

— איך וויל זיך פאַר אייך מתודה זיין.

דער גלח האָט איבערראַשט זיא אַנ־געקוקט, און פערריכטענדיג זיינע שפּאַ־קולען אום נאָך איינצוקוקען זיך אין איהר פערלעגענהייט האָט ער אַ לאַך געטאָהן:

— איך גלויב ניט, אַז איהר האָט זעהר גרויסע זינד אויף אייער געוויסען.

ניט קוקענדיג אויף איהר פערלע־גענהייט האָט זיא זיך געשטאַרקט און געענטפערט:

— ניין, אָבער וויא איהר זעהט וויל איך זיך מיט אייך אַן עצה האַלטען אין אַ זאַך, וואָס... וואָס... עס איז אַזאַ דע־ליקאַטע פראַגע, אַז איך קען וועגען דעם ניט ריידען אויף אַזאַ'ן אופן...

ער האָט אויפגעהערט צו זיין שפּאַסהאַפט און זיין געזיכט האָט אַנ־גענומען אַ פרומען אויסדרוק:

— אויב אַזוי, מיין קינד, דאַן וועל איך אויסהערען דיין וידוי אין קאָנפע־סיאָנס־צימער. לאָמיר געהן אין קלויס־טער.

אָבער זשאַנע האָט פּלוצלונג דער־פיהלט, זיא וואָלט בעסער פערשפּאַרט צו ריידען אין דער הייליגער שטילקייט פון קלויסטער וועגען אַזעלכע שענדלי־כע אַנגעלעגענהייטען; זיא האָט אַ ציה געטאָהן איהם צוריק פאַר'ן אָרעם:

— ניין, הערר פּריסטער... אויב... אויב אייך מאַכט ניט אויס, וואָלט... וואָלט איך אייך בעסער דאָ דערצעהלען... וועגען וואָס איך בין געקומען. לאָמיר זיך זעצען אין ביידעל.

זיי האָבען לאַנגזאַם צוגעשפּאַצירט צום ביידעל און האָבען זיך אַנידערגע־זעצט זשאַנע האָט געזוכט ווערטער ווי אַנצוהויבען.

— געעהרטער פּאַטער — האָט זיא אַנגעהויבען אַזוי וויא זיא וואָלט זיך ווירקליך מתודה זיין אָבער זיא האָט זיך אָבגעשטעלט איז רויט געוואָרען און האָט אָנגעהויבען ווידער — געעהרטער פּאַטער.

דער גלח האָט צונויפגעלייגט זיינע הענד און האָט מיט א געדולדיגען פּנים געוואַרט. אָבער זיא איז געווען אין אַזא פערלעגענהייט, אַז זיא האָט ניט געקענט ריידען ווייטער. ער האָט געזעהען, אַז ער מוז זיא ערמוטהיגען:

— מיין קינד, וויא איך זעה ביסטו אַביסעל צושראָקען, האָסט מורא? דערצעהל, דערצעהל מיר.

זיא האָט זיך אַנגענומען ענדליך מיט מוטה און האָט אויסגעשאָסען שנעל:

— פּאַטער, איך וויל נאָך א קינד האָבען.

אַזוי וויא ער האָט ניט פערשטאַנען פון דיזע ווערטער וואָס זיא מיינט, האָט ער זיך ניט געאיילט צו ענטפערען. זעהענדיג, אַז ער פערשטעהט זיא ניט האָט זיא שוין אַנגעהויבען קלעהרער צו געבען איהם פערשטעהן, אָבוואָהל עס איז פאַר איהר געווען שמערצליך צו ריידען אַזוי אָפען.

— איהר ווייסט, פּאַטער, אַז איך בין דאָך עלענד, גאַנץ אַליין אין דער וועלט; מיין פּאַטער איז אַוועק, ער שטימט ניט מיט מיין מאַן; מיין מוטער איז טויט און — דאָ האָט זיא געזאָגט אַזוי שטיל, קוים הערבאַר — און ניט לאַנג איז מיין פּאָול געווען אַזוי קראַנק, אַז איך האָב איהם שיער פערלאָרען! וואָס וואָלט פון מיר דאַן ווערן?

זיא האָט זיך אָבגעשטעלט; דער גלח האָט אויף איהר געקוקט מיט א בליק פון איבעראַשונג.

— נו, רעדט ווייטער, ערקלעהרט דאָך אום וואָס עס האַנדעלט זיך.

— איך וויל נאָך א קינד — האָט זיא ווידערהאָלט בלויז.

ער האָט געשמייכעלט; ער איז געוועהנט געווען צו הערען אָפענע, פּשוט'ע רייד פון דיא פּויערים און פּויערטעס. זיי האָט ניט געקימערט וואָס ער איז א גלח, א הייליגער פּאַטער. ער האָט איהר געענטפערט מיט א בעשטימטע בעוועגונג מיט'ן קאָפּ.

— נו, איך רעכען, אַז דאָס העננגט דאָך אָב פון אייך.

זיא האָט אויפגעהויבען איהרע פערשעהמטע אויגען און האָט געשטאַמעלט:

— יאָ... אָבער איהר ווייסט דאָך... זינט יענער געשיכטע מיט... מיט דער דיענסטמיידעל... זיינען... זיינען מיר... איך און מיין מאַן... זיינען מיר בעזונדער

דער גלח, וועלכער איז געוועהנט געווען צו דער לייזער מאָראַל פון דאָרף, איז געווען איבעראַשט פון אַזא ענטדעקונג און איהם האָט זיך שוין איצט אויסגעוויעזען, אַז ער פערשטעהט דעם פערלאַנג פון דער יונגער ווייבעל. ער האָט דערפיהלט מיטלייד מיט איהר, זעהענדיג אין וואָס פאַר א פערצווייפלונג זיא איז פון איהר לאַגע.

— יאָ, יאָ, איך זעה, איך זעה. דאָס איז גאַנץ נאַטירליך, אַז... אַז אייער לעבען ווייא א ווידווע זאָל פאַר אייך זיין אונאַנגענעהם. איהר זייט יונג און געזונד. דאָס איז גאַנץ נאַטירליך.

און דיא לייזע נאַטור פון א דאָרפישען גלח האָט זיך באַלד געוויעזען ווייטער אין א שמייכעל, וועהרענד ער האָט געגלעט פּאַטערליך איהר האַנד, זאָגענדיג:

— און דאָס איז אויך גאַנץ ערלויבט; דיא געבאָט הייסען אַזוי. איהר זייט פערהייראַטה? נו, הייסט דאָך דאָס, אַז איהר האָט ניט חתונה געהאַט כדי צו זעען קאַרטאָפּעל; ניט אַזוי?

אָנפאַנגס האָט זיא ניט פערשטאַנען

דעם געראַנק פון זיינע ווערטער, אָבער ווען זי האָט באַלד זיך געכאַפּט וואָס ער מיינט, האָט איהר גאַנצער פּנים זיך בע־נאָסען מיט א רויטקייט און דיא אויגען האָבען זיך אָנגעפּיעלט מיט טרעהרען:

— א, הערר פּריסטער, וואָס מיינט איהר? איהר דיינקט דען... אַ, איך שווער אייך. שלוכצען האָבען געשטיקט איהר האַלז.

דער גלח איז ווידער איבערראַשט געוואָרען. ער האָט געזוכט איצט צו בע־רוהיגען זיא.

— נו... נו... איך האָב דאָך ניט גע־מיינט צו פערלעצען אייערע געפיהלען. איך האָב נור אַזוי, אין שפּאַס. דאָס מאַכט ניט אויס; ווען א פרוי איז זיט־ליך בריינגט דאָס קיין שאַדען. אָבער פערלאָזט זיך אויף מיר; איהר קענט זיך פאָלשטענדיג אויף מיר פערלאָזען. איך וועל זיך זעהען מיט הערר זשו־ליאַן.

א וואָך איז אריבער. זשאַנע איז געוועזען פיעבערהאַפט אונרוהיג. איין אָבענד ביים עסען, האָט זשוליאַן אויף איהר קרום געקוקט, מיט א מין אָבלאַ־בענדען שמייכעל. ער פלעגט זיך אפילו בענעהמען געגען איהר סארקאסטיש העפליך; נאָך'ן עסען ווען זיי האָבען שפּאַציערט צוזאַמען אין דער מוטערס אַלעע, האָט ער זיך אָנגעבויגט צו איהר און האָט א שעפּצע געטאָהן:

— איז צווישען אונז אָבגעמאַכט, ניט אמת?

זיא האָט ניט געענטפערט. זיא האָט אויסגעפּאַרשט א סליאַד, א גלייכע ליניע אויפ'ן וועג, וועלכע איז שוין מיט גראָז בעוואַקסען, דאָס איז געוועזען דער סליאַד פון איהר מוטערס טריט; עס איז קוים קענטיג געוועזען אַזוי וויא דיא פאַרבליעבענע עראינערונג וועגען דער פערשטאָרבענער. ער האָט אָבער ניט געוואַרט אויף איהר ענטפער און האָט ווייטער געזאָגט:

—איך בין זעהר צופריעדען דער־פון. איך האָב נור מורא געהאַט אז דיר וועט דאָס ניט געפעלען זיין.

דיא זונן איז אונטערגעגאַנגען הינ־טער דיא בוימער; דיא אָבענד־לופט איז געוועזען מילד. זשאַנע האָט געפיהלט אַזוי וויא אויסצואַווייגען זיך, ארויפ־פאַלען אימיצען אויפ'ן האַלז און אויס־גיסען איהר הארץ פאַר אימיצען, וואָס זאָל איהר מיטפיהלען. דיא טרעהרען האָבען געשטיקט איהר האַלז און צו־עפּענענדיג איהרע אָרעמס איז זיא גע־פאַלען אויף איהר מאַן'ס ברוסט.

זיא האָט געוויינט, געשלוכצט מיט צובראָכענקייט, אין דער צייט וואָס ער האָט אויף איהר אראָבגעקוקט ניט פאַר־שטעהענדיג וואָס דאָס איז עפּעס פאַר אַן ענדערונג; איהר געזיכט איז געווען בעהאַלטען אין זיין ראָק און ער האָט בלויז געקענט זעהען דיא וועללען־אַרטי־גע מאַסע פון איהרע האָאַר. דיינקענדיג אַז זיא ליעבט איהם נאָך אַלץ זעהר שטאַרק, האָט ער זיך אָנגעבויגט און האָט געקוסט איהר קאָפּ. זיי זיינען גע־גאַנגען צוריק צום הויז שטום, קיין וואָרט ניט אויסרייידענדיג. און זיי זיי־נען ארויף אויבען צו איהר אין שלאָפ־צימער.

זייערע איבערגעריסענע בעציהונ־גען זיינען ווידער פאָרטגעזעצט געוואָ־רען. ער האָט ערפיעלט זיין טהייל אַזוי וויא ער וואָלט אויסגעפיהרט גאָר ניט קיין אונאַנגענעהמע פפליכט; זיא האָט געדולדעט דאָס, וואָס זיא האָט בע־טראַכט א שמערצליכע און אַן אָבשטוי־סענדע נויטהווענדיגקייט; אין הארצען האָט זיא בעשלאָסען, אַז זיא וועט אויפ־הערען אויף אימער צו האָבען מיט איהם יעדע פערבינדונג אַזוי גיך וויא זיא וועט ווערען ווידער מוטער.

זיא האָט אָבער באַלד בעמערקט אַז זשוליאַנס בענעהמונג האָט זיך געענ־דערט. ער האָט זיך בענומען ניט מיט דער זיכערהייט פון א מאַן, נור מיט דער פאָרזיכטיגקייט פון א ליעבהאָבער. דאָס האָט איהר איבערראַשט און זיא האָט בעשלאָסען נאָכצושפּירען.

איין מאָהל, ווען איהרע ליפּען זיי־

נען געווען אויף זיינע, האָט זיא געשעפּ־צעט:

— פאר וואָס ביסט דוא עפּעס ניט אזוי וויא דוא פלעגסט זיין?

— דערפאר ווייל איך וויל מעהר קיין קינדער ניט האָבען — האָט ער גע־ענטפערט מיט גדלות.

— פארוואָס? — האָט זיא אונרו־היג איהם א פרעג געטהאָן.

ער איז פון ערשטוינונג געבליבען אָהן לשון און האָט ענדליך אָן ענטפער געטהאָן:

— וואָס ביסטו משוגע? נאָך א קינד? איך מיין עפּעס אז ניט! איז איין קינד ניט גענוג צו מאַכען א גאנצען חורבן אין הויז און זאָל אָבקאָסטען אזוי פיעל געלד? א קינד? ניין, איך דאנק דיר!

ארומנעהמענדיג מיט איהרע ארעמס איהם ארום האַלז האָט זיא מיט א קוסס געבעטען זיך:

— א, זשוליאן, איך בעט דיך, לאָז מיך האָבען נאָך איין קינד.

אָבער ער איז אזוי אין כעס געוואָ־רען אזוי וויא זיא וואָלט איהם געגעבען א פּאטש:

— ניט אנדערש, אז דוא האָסט פערלאָרען דיין פערשטאנד, זשאנע. הער אויף מיט דיינע דומע גערדאנקען.

זיא האָט געשוויעגען, אָבער אין הארצען האָט זיא בעשלאָסען צו צווינ־גען איהם זי זאָל קענען עררייכען דעם גליק נאָך וועלכען זי בײנקט. זי האָט זיך פארשטעלט ווי זי וואָלט געווען ליי־דענשאפטליך, האָט געשפּילט מיט איהם דיא קאָמעדיע פון תאוה האָט איהם לאנג געקוכט. אָבער עס איז אלץ געווען אומזיסט, ווארום ער האָט זיך פּאָל־שטענדיג קאָנטראָלירט.

זעהענדיג אז איהרע אנשטרענגונ־גען זיינען אומזיסט און זייענדיג פער־צווייפעלט אין איהר פערלאנג צו האָבען נאָך א קינד, א מיידעלע, האָט זיא זיך ענטשלאָסען ניט אָבצושטעלען זיך פאר קיין זאך און וואגען אלעס. זיא איז אוועק ווייטער צו פּאטער פּיקאָט. דער גלח האָט נור וואָס געהאט אָבגעגעסען

פריהשטיק און איז געווען רויט, ווארום ער האָט אימער בעקומען נאָך'ן עסען א הארץ־טרויסלונג. וויא ער האָט נור דערזעהען זשאנען, האָט ער אויסגע־שריען:

— נו?...

ער איז געווען זעהר נייגיעריג צו וויסען דעם רעזולטאט פון זיינע פער־מיטלונגען.

זיא האָט באלד געענטפערט און האָט זיך שוין מעהר ניט געשעהמט אזוי וויא פריהער:

— מיין מאן וויל ניט האָבען נאָך קיין קינד.

— וואָס הייסט דאָס? — האָט ער א פרעג געטהאָן, וועלענדיג לייזען דיא מערקווירדיגע רעטעניסען, וואָס האָט אָפּט איהם אזוי הנאה געטהאָן צו הערען ווען מען פלעגט זיך פאר איהם מתודה זיין.

אָבער ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיא האָט זיך ענטשלאָסען, דוכט זיך, ניט אָבצוהאלטען זיך פאר קיין זאך, האָט זיא דאָך זיך געפיהלט אין א פערלעגענ־הייט.

— אָבער... ער... ער וויל ניט לאָזען... לאָזען מיך ווערען א מוטער.

דער גלח האָט שוין איצט פער־שטאנען, ווארום ער האָט פון אזעלכע זאכען געוואוסט. ער האָט זיא פון דעסט־

וועגען אנגעהויבען גענויער אויסצופרע־גען. נאכטראכטענדיג א ווײלע, האָט ער אנגעהויבען גאנץ שטיל, רוהיג אזוי וויא זיי וואלטען דיסקוטירט וועגען אויסזיכטען פון גערעטענעס, און ער האָט פארגעשלאָגען מיט אלע גענויאיג־קייטען א פּלאן, וועלכען זיא דארף פאלגען.

— עס בלייבט נור איין זאך צו טהאָן, מיין קינד — האָט ער געזאגט — שמועסט איהם איין אז איהר זייט שוואנגער.

זיא איז געווארען רויט ביז דיא ווארצלען פון איהרע האאר, אָבער זיא האָט זיך געשטארקט און האָט מיט ענטשלאָסענהייט א פרעג געטהאָן:

— און וויא איז, אז ער וועט מיר ניט וועלען גלויבען ?

דער גלח האט שוין געקענט גוט דיא מענער און ער האט געענטפערט :

— דערצעהלט אלעמען דיא נייעס און אייער מאן וועט הערנאך אליין שוין אנהויבען צו גלויבען.

ער האט זיך אבער באלד פערכאפט אום צו פארענטפערען זיך פאר געברויכען אזא טאקטיק :

— פארגעסט ניט, אז איהר האט א רעכט אזוי צו טהאן, ווארום דיא אמונה דולדעט אזעלכע בעציהונגען בלויז פאר דעם צוועק צו האבען קינדער.

זשאנע האט געפאלגט זיין קונציגע עצה און, אין א וואכען צוויי ארום, האט זיא געלאזט וויסען זשוליאן, אז זיא דיינקט, זיא וועט ווערען א מוטער. ער האט זיא אנגעקוקט און האט אויסגעשריען :

— דאס איז אונמעגליך !

זיא איז אבער געשטאנען אויף דאס איהריגע און האט איהם געזאגט אויף וועלכען גרונד זיא דיינקט אזוי. אבער ער האט נור געענטפערט :

— עט ! ווארט אקארשט א ווייל. מיר וועלען נאך זעהען.

יעדען טאג האט ער זיך נאכגעפרעגט : „נו ?" אבער זיא האט אלץ געענטפערט : „ניין, פארלויפיג נאך ניט. איך וואלט געוועזען איבערראשט, ווען עס זאל זיך ארויסשטעלען, אז איך בין ניט מעוברת."

ער איז אויפגעקאכט געווארען, האט געשריען, האט ניט געוואלט גלויבען און איז ארומגעגאנגען ווידערהאלענדיג :

— איך קען דאס ניט פארשטעהן; איך זעה ניט וויא אזוי דאס האט געקענט פאסירען ; דאס איז איינפאך אונמעגליך.

אין א מאנאט ארום אונגעפעהר, האט זיא אלעמען דערצעהלט דיא נייעס וועגען זיך, א חוץ דער גרעפין גילבערטע. זיא האט איהר ניט דערצעהלט מחמת דעם דעליקאטען געפיהל פון בעשיידענהייט.

זינט דער ערשטער ווארנונג האט זשוליאן אויפגעהערט צו בעזוכען זיין פרוי ; אבער אין איינינגע צייט ארום האט ער געמוזט אונטערוווארפען זיך צו דאס אונפערמיידליכע. אמת, ער האט מיט כעס ערקלעהרט :

— דא קומט דיר איינער גאר אונגעבעטען.

אבער ער האט ווידער בעגייט זיינע בעציהונגען צו איהר. און וואס דער גלח האט ערווארט האט פאסירט. זיא איז טאקע געווארען מעוברת — און דאן, זייענדיג איבערגליקליך, האט זיא פארשלאסען איהר טהיר אויף אימער פאר זשוליאן'ען, און אין דער בעגייסטערונג פון דאנקבארקייט דער פארזעהונג האט זיא זיך א נדר געטהאן צו בלייבען ריין אויף אייביג.

זיא איז געוועזען ווידער גליקליך און זיא האט זיך געוואונדערט אויף זיך אליין, וואס איהר פריינד האט אין איהר איינגעשטילט איהר טרויער אויף דער מוטערס טויט. זיא האט פריהער דאך געדיינקט, אז זיא וועט קיין מאל ניט אויפהערען צו טרויערן אויף דעם טויט פון איהר מוטער. און איצט, עס זיינען ערשט אין גאנצען א צוויי מאנאט פערביי און איהר וואונד האט זיך שוין געהיילט.

אין איהר איז מעהר ניט פארבליבען א לייכטער, ווייכער טרויער, אזוי וויא א לייכטער שלייער וואלט זיך פארצויגען אויף איהר לעבען. זיא האט געמיינט אז קיין אנדער פאסירונג וועט שוין מעהר ניט פערוואונדען זיא אזוי שטארק. איהרע קינדער וועלען אויסוואקסען און זיי וועלען פאר איהר זיין א טרויסט, און זיא וועט קענען פארבריינגען איהרע עלטערע יאהרען אין

רוהע און צופריעדענהייט, ניט טראכ־טענדיג לגמרי וועגען איהר מאן.

ביי ענדע סעפּטעמבער האָט דער גלח, פּאַטער פּיקאָט, אָבגעשטאָט א צערעמאָניעלען וויזיט. ער איז געקו־מען פאַרשטעלען זיין נאָכפאָלגער, דעם יונגען גלח פּאַטער טאָלביאַק. דאָס איז געווען נאָך גאר א יונגער פּריסטער מיט א פרומע מינע, וועמעס געזונקענע אוי־גען ארונגערינגעלט פון טיפע קריי־זען האָבען געצייגט זיין שטאַרקען כאַראַקטער. דער אַלטער גלח איז גע־ווען ערוועהלט אַלס רעקטאָר אין גאָ־דערוויל.

זשאַנע האָט געהאַט גרויס פּערדרוס, וואָס דער אַלטער גלח פערלאָזט זיי. זיין פּנים איז שוין געווען פאר איהר עפּעס אַ אונפערמיידליכע ערשיינונג אין אַלע פאַסירונגען פון איהר יונגען פרויען־לע־בען. ער איז געווען דער מסדר קדושין צו איהר חתונה, ער איז געווען דער טויפער פון איהר קינד; ער האָט מקבר געווען איהר מוטער. זיא האָט זיך ניט געקענט פאַרשטעלען אַ בילד פון דעם געגענד פון עטואוואן אָהן דעם פּנים פון דעם פּאַטער פּיקאָט, וויא ער געהט ארום פון איין דאָרף צו דער אנדערער. און זיא האָט זעהר געליעבט דעם אַל־טען; ער איז אזא פרעהליכער און נאַ־טירליכער.

ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער האָט דאָך באַקומען אַזא הויכע אמט, פון דעסטוועגען האָט ער ניט אויסגעזע־העז זעהר פריילידָ.

— דאָס איז פאר מיר א שווערע זאַך, זעהר שווער מאַדאַם גרעפין — האָט ער איהר געזאָגט — איך בין דאָ געוועהנט געוואָרען: שוין אַכטצעהן יאָהר אויף איין פּלאַץ. דיא געמיינדע איז אַן אַרעמע און ברייננט ניט פיעל איין. דיא מענער זיינען ניט פרום און דיא פרויען פיהרען זיך אויך אויף לייכט־זיניג. דיא מיידלעך קומען צו מיר. איך זאָל זיי מסדר קדושין זיין נאָכדעם וויא זיי זיינען שוין אין אַן אונאַנגענעהמ־ליכער לאַגע. אָבער אין דערזעלבער צייט בין איך שוין דאָ געוועהנט, בין דאָ געווען גליקליך.

דער יונגער פּריסטער איז געוואָרען רויט און האָט אָנגעהויבען צו צייגען צייכענס פון אונגעדולד. ער האָט פּלוצ־לונג א זאָג געטהאָן:

— דאָס אַלעם וועט מוזען געענדערט ווערען פון איצט אָן!

ער האָט אויסגעזעהען וויא א ברוגז־ער קינד, אַזוי דין און מאָגער האָט ער אויסגעזעהען אין זיין אויסגעטראָגענעם הייליגען, שוואַרצען קיטעל. פּאַטער פּי־קאָט האָט אויף איהם א קוק געטהאָן האַלב־זייטיג; ער האָט געהאַט אַזאַ איינפאַל אַלע מאָהל, ווען ער האָט גע־וואָלט זיין וויציג און האָט א זאָג גע־טהאָן:

— זעהט איהר, יונגער פּאַטער אום דאָס ניט צו דערלאָזען, וועט איהר דאַרפען צושמידען אויף א קייט אייער סטאַדע, און אפילו דאָס וועט ניט העל־פען פיעל.

דער קליינער גלח׳ל האָט שאַרף גע־ענטפערט:

— נו, מיר וועלען זעהען.

דער אַלטער האָט א שמייכעל גע־טהאָן און האָט גענומען א שמעק טאַ־באַק.

— אָ, דיא יאָהרען וועלען אייך א ביסעל איינשטילען און דערצו אויך ערפאַהרונג; אַלץ וואָס איהר וועט אויספיהרען, אז איהר וועט פער־טרייבען דיא דאַוונער פון קירכע, ווייטער גאַרנישט. אין דיעזע געגענדען זיי־נען דיא פּויערים רעליגיעז אָבער זיינען עקשנים. דאַרום זייט בעסער פאָרזיכטיג. פאַרשטעהט איהר מיך, ווען א מיידעל מיט א ברייטלעך געוואָרענע טאַליע

קומט צו מיר הערען וויא איך פריידיג, טראכט איך נור: אָט וועט זיא מיר ברייגנען נאָך א דאווענער — און איך זעה, אז זיא זאָל חתונה האבען.

—איהר קענט ניט מאכען זיי — האָט דער אַלטער געזאָגט — ניט צו זיין צולאָזען, פארשטעהט איהר, אבער איהר קענט געהן צו דעם מאַן און זעהן אז ער זאָל ניט אָבזאָגען זיך פון דער מוטער. מאכט זיי חתונה, מאכט זיי חתונה, און זאָרגט זיך ניט פאר וואס אנדערעס.

—און איך דיינק אַנדערש — האָט פארביסען געענטפערט דער יונגער — איז וואס נוצט עס צו שפארען זיך איבער דעם.

פאטער פיקאט האָט ווידער אָנגעהויבען צו בעדויערן וואס ער מוז פערלאָזען דעם פלאץ, אין וועלכען ער האָט זיך שוין איינגעלעבט; ער האט בעדויערט וואס ער וועט ניט קענען זעהען מעהר דעם ים, קוקענדיג אין פענסטער, דיא קאנוס־פארמיגע טהאָלען, פון וועלכע ער האט געזעהען דיא ווייסע זעגלען אויפ'ן ווייטען ים. די צוויי גלחים האָבען גענומען אבשיעד און דער אלטער האָט געקוסט זשאנען, ביי וועלכער טרעהרען זיינען אָנגעלאָפען אין דיא אויגען.

אין א וואָך ארום איז פאטער טאלביאך ווידער געקומען צו בעזוך. ער האט דערצעהלט פון דיא רעפאָרמען וועלכע ער האט איינגעפיהרט אין דער געמיינדע, אזוי ווי א פירסט רעדט פון לענדער, וועלכע ער האָט איינגענומען. ער האט געבעטען דיא גרעפין, אז זיא זאָל למעה"ש קומען זונטאג צו גאָטעס־דיענסט און זי זאָל בייכטען אין יעדער קירכען יום־טוב.

—איהר און איך — האָט ער ערקלעהרט — זיינען די פיהרער אין דיזען פלאטץ; מיר מוזען רעגיערען און ווייזען א ביישפיעל; און מיר מוזען ארבייטען צוזאמען, אזוי אז מיר זאָלען זיין מעכטיג און זאָלען זיין רעספעקטירט. ווען די קירכע און דער שלאָס געהן האנד אין האנד, וועלען די איינוואהנער פון די געוועהנליכע הייזער מוזען מורא האָבען און פאָלגען.

זשאנעס רעליגיאָן איז געווען בלויז געפיהלען. אין איהר איז געווען יענער טרוימערישער גלויבען, פון וועלכען א פרוי טרעט קיין מאָהל ניט צוריק און אויב זיא האט אבגעהיט איהרע רעליגיעזע פפליכטען איז דאס געווען בלויז דערפאר, ווייל זיא איז אזוי ערצויגען געוואָרען אין קלויסטער. דיא לופטיגע פילאָזאָפיע פון איהר פאטער האָט שוין לאַנג איבערגעקיהרט איהרע איבערצייגונגען. פאטער פיקאט פלעגט זיך צופרידען שטעלען מיט דאס ביסעל פון איהר זייט, און האָט איהר קיין מאָל ניט אויס גערעדט דערפאר. אָבער ווען זיין נאָכפאָלגער האָט בעמערקט פאָריגען זונטאָג אז זיא קומט ניט צו גאָטעס־דינסט, איז ער געקומען צולויפען אין שלאָס א בעזאָרגטער און זעהר שטרענג.

אזוי וויא זיא האָט ניט געוואָלט איינרייסען מיט דער קירכע האָט זיא איהם פערשפראָכען, אז זיא וועט קומען צו גאָטעס־דינסט אלע זונטאג, אָבער זי האָט ביי זיך אָבגעמאכט, אז נאָך דיא ערשטע עטליכע וואָכען, וועט זיא ניט זיין אזוי פינקטליך. קומענדיג יעדען זונטאג צו גאָטעס־דינסט האָט זי זיך דערווייל צוגעוועהנט, און גאנץ אונבעוואוסט פאר איהר אליין איז זיא געוואָרען אונטער דעם איינפלוס פון דעם מאָגערן פריסט, וועלכער האָט אָנגעהויבען צו בעל־הבית'עווען אין געגענד. זיין בעגייסטערונג האט זיך צוגעפאסט צו איהר מיסטישע נאטור. ער האט געוואוסט ווי צו ערוועקען רעליגיעזע פאָעזיע, וואס ליגט בעהאלטען אין דער נשמה פון יעדער פרוי.

זיין פעסטער גלויבען, זיין פעראכטונג פון דער וועלט מיט איהרע תענוגים; זיין איבערדריסיגקייט פון מענשליכע אמביציאָן, זיין ליעבע צו גאָט, זיין יונגע און גאוה'דיגע אונערפאהרענהייט, זיין דירעקטער ריידען, זיין אונבויגזאמער ווילען, האָט אויף זשאנען געמאכט דעם איינדרוק, אז אזוי

האָבען געמוזט זיין די מאַרטירער; און זיא, די ענטטוישטע ליידענדע, איז גע־ווען צוגעצויגען פון דעם שטרענגען פא־נאטיזם פון דיעזען אינגעל־־פריסטער.

ער האט צו איהר גערעדט פון קריסטוס'ען; ער האט איהר געגעבען צו פארשטעהן, אז דיא פריידען פון רעלי־גיאָן וועלען איינשמעלען אלע איהרע יסורים און זיא פלעגט קניען אין בייכט־צימער און פיהלען זיך אזוי קליין און שוואך געגען דיעזען פריסטער, וועל־כער האט אויסגעזעהען נאך אזוי אינ־געליש.

אָבער באלד האָט דער גאנצער גע־גענד איהם אָנגעהויבען צו האסען. זיי־ענדיג שטרענג צו זיך אליין איז ער גע־ווען פאר אנדערע אין גאנצען אונער־טרעגליך. מעהר פון אלעם אַנדערע איז ער געווען אויפגעבראכט און ערביטערט געגען איין זאך: געגען ליעבע. ער האט דיא ליעבע פערמיאוסט פון זיין בימה, האָט געברויכט דיא משנה'דיגסטע ווערטער צו שילדערן זי און האט געדו־נערט געגען דעם זינדיגען לעבען, צי־טערענדיג פון צאָרען בעת ער האט גע־רעדט וועגען דיא מיאוסע מעשים פון דיא זינדיגע.

די מענער און די מיידלעך פלע־גען זיך איבערקוקען, ווען ער האט גע־דרש'ענט, און דיא אלטע פויערים, וועל־כע האָבען ליעב געהאט צו וויצלען זיך וועגען געוויסע זאכען, האָבען קריטי־קירט די האלטונג פון דעם יונגען גלח'ל, ווען זיי פלעגען געהן אהיים פון קירכע מיט זייערע פרויען און זיהן.

דער גאנצער געגענד איז געווען אויפגעטומעלט, יעדערער האָט זיך בע־קלאגט וועגען דער שטרענגקייט פון'ם יונגען גלח בעת מען איז זיך פאר איהם מתודה און מען פלעגט דערצעהלען וועגען דיא צו שטרענגע תשובות וואס ער פלעגט ארויסגעבען. ער האט האַרטנע־קיג ענטזאגט זיך פון אויסצובעטען א מחילה וסליחה פאר די מיידלעך וועמעס אונשולד עס איז געווען אין ספק, זיין סטאַדע האָט אָנגעהויבען אָבצולאכען פון איהם. אנדערע מיידלעך פלעגען בלייבען זיצען אויף זייערע פלעצער, ווען מען פלעגט דארפען אין קירכע צו־געהען צום הייליגען שולחן צום בייכ־טען.

ער האט אָנגעהויבען וויא א יע־גער צו געהן נאָכשפּירען און פאנגע־ליעבהאבענדע פּארלאַך, פלעגט זיי נאָכ־שפּיאָנירען, אומזיסט אָנווענדענדיג זיי־נע כחות צוצויאגען זיי. ער פלעגט זיי פעריאגען פון די קוסטעס, פון הינטער דיא שייערס אין דיא לבנה־נעכט. איין מאָהל האָט ער זיך אָנגעשטויסען אויף א פּאָרעל, וועלכע האָבען זיך ניט צו־שיידט אפילו, ווען ער האט זיך געוויזען. זיי זיינען געגאנגען צוזאמען, אין א שטיינערנעם טהאָל און האָבען זיך גע־קוסט אויף יעדער טריט. ער האט צו זיי געשריען:

—וועט איהר אויפהערען, איהר גראָבע מחות!

אָבער דער בחור'ל האָט זיך נור א קעהר געטהאָהן און האט א געשריי גע־טאָהן צוריק.

—דאס איז ניט אייער עסק, הערר גלח. דאס האט מיט אייך ניט צו טהון.

דאן האָט דער גלח אויפגעהויבען עטליכע שטיינער און האט געוואָרפען אין דיא אפיקורסים אזוי וויא זיי וואָל־טען געווען הינד. זיי זיינען ענטלאָפען און האבען זיך צולאכט. דעם קומענדען זונטאג האָט ער אויסגערופען זייערע נעמען אין דער הויך פון בימה אין זיין דרשה. דאן האבען אלע פון ארום אויפ־געהערט אין גאנצען צו געהן אין קיר־כע.

דער יונגער גלח פלעגט יעדען דאָ־נערשטאג זיין צו מיטאג אין שלאָס, אָבער ער פלעגט א חוץ דעם קומען אָפט א פּאָר מאָהל אין וואָך צו האָבען א גע־שפּרעך מיט דער, וועלכע ער האָט באַ־קעהרט צו דער קירכע. זיא איז געוואָ־רען אזוי בעגייסטערט אזוי וויא ער; זיי פלעגען דיסקוטירען צוזאמען וועגען געטליכע זאכען און עס פלעגען אין זייערע געשפּרעכען אויפקומען אַלט' און קאָמפּליצירטע רעליגיעזע פראַגען. צוזאמען פלעגען זיי שפּאַצירען אין דער

אלעע פון דער פערשטאָרבענער באראָנין, שמועסענדיג וועגען קריסטוס׳ן און וועגען דיא עלטעסטע גרינדער פון דער קירכע, אזוי וויא זיי וואָלטען געווען זייערע פערזענליכע בעקאַנטע.

ציימענווייז פלעגען זיי זיך אָבשטעלען און פארגעבען איינער דעם צווייטען עפעס א הארבע שאלה, אין וועלכער זיי פלעגען זיך מיסטיריעז אריינטראכטען; זשאנע פלעגט פארפליהען אין א פאעטישער הויכקייט מיט איהרע ארגומענטען, וועלכע פלעגען שוימען צום הימעל אזוי וויא ראקעטען, און דער גלח וועמעס שכל איז געווען לאָגישער, פלעגט ענטפערען דערויף מיט מעהר אויסגערעכענטע בעווייזע, אזוי ווי א מאטהעמאטיקער וואָלט וועלען בעווייזען דיא פיער־עקיגקיים פון א קיילעכיגען קרייז.

זשוליאַן פלעגט בעהאנדלען דעם נייעם פאטער פון קירכע מיט גרויס רעספעקט, ווידערהאָלענדיג תמיד.

— איך ליעב דעם פריסטער, ער קווינקעלט זיך נים.

און ער פלעגט געהן מתודה זיין זיך, ווען נור מען האָט געדארפט, ווייזענדיג דערמיט א ביישפיעל פאר אנדערע.

ער פלעגט איצט זיין מעהרסטע צייט פארברייננגען מיט דיא דע־פארווילס, געהענדיג אויף געיעג מיט דעם מאַן, וועלכער האָט איהם זעהר ליעב בעקומען און ארומרייטענדיג שפאצירען מיט דער גרעפין וואָס פאר א וועטער עס זאָל ניט זיין, ווינד אָדער רעגען. דער גראף פלעגט דערביי אלע מאָהל מאכען דיא באמערקונג.

— זיי זיינען ווירקליך פעררייקט אויף ארומרייטען, אָבער דאָס ווירקט זעהר גוט אויף מיין פרוי.

אין מיטען נאָוועמבער איז זשאַנעס פאטער געקומען צוריק פון זיין רייזע. ער האָט זיך זעהר געענדערט, איז געוואָרען עלטער און איינגעבויגען פון דער משא טרויער, וועלכע האָט, וויא עס האָט געשיינט, געדריקט זיין קאָפּ. זיין ליעבע צו דער טאָכטער איז שטאַרקער געוואָרען, אזוי וויא דיא עטליכע חדשים איינזאמקייט וואָלטען אין איהם ערוועקט א שטארקערע פאָדערונג פון צערטליכקייט און ליעבע.

זשאנע האָט זיך צוריקגעהאלטען פון ארויסצוזאָגען פאר איהם איהרע רעיונות וועגען גלויבען, איהר נאָהענטע פריינדשאפט מיט׳ן גלח און איהר רעליגיעזע בעגייסטערונג, אָבער גלייך וויא דער באראָן האָט דערזעהען דעם יונגען פריסטער האָט ער דערפיהלט א שמערצליכע אונליעבע צו איהם, ווען דיא טאָכטער האָט דערנאָך אין אבענד איהם א פרעג געטהאָן:

— וויא געפעלט ער דיר? האָט דער באראָן דערויף געענטפערט:

— דער מאַן איז אַן אינקוויזיטאָר! איך רעכען, אז ער מוז זיין זעהר א געפעהרליכער מענש.

ווען ער האָט דערנאָך פון דיא פויערים דערוואוסט זיך וויא שטריינג און וויא ווילד דער יונגער גלח איז און וואָס פאר א פערפאָלגונג ער פיהרט אַן געגען נאטירליכע געזעצע און איינגעבאָרענע אינסטינקטען, האָט ער נאָך מעהר איהם פיינד בעקומען, האָט איהם פשוט אָנגעהויבען צו האסען.

ער אליין איז געווען איינער פון יענע אלטע פילאָזאָפען, וועלכע פארגעטערען דיא נאטור און ווערען גערירט פון אלע איהרע ערשיינונגען; ער האָט פראקטיצירט א מין פאנטעאיזם און איז געווען אויפגעבראכט געגען דער קאטוילישער אויפפאסונג פון׳ם אלמעכטיגען; פאר איהם האָט דער אלמעכטיגער בעדייטעט א הערשער, וועלכער בעזיצט דיא ביטרע פעהיגקייטען פון א יעזואיט און דיא מאכט פון א טיראן, — א בעגריף פון גאָט, וואָס איז לעבען, ליכט, ערד, זונן, פלאנצען, פעלזען, מענשען, לופט, חיות, שטערן, גאָט גופא און אינזעקטען, אלעס אין איינעם, און שאפט דערפאר ווייל עס איז שעפפונג, מעכטיגער פון ווילען, העכער פון אלע ארגומענטען.

שעפפונג, לויט זיין בעגריף, ענט־

האלט אלע זוימען פון וועלכע געדראנקען און לעבען האָבען זיך ענטוויקעלט וויא בלומען און פרוכט וואקסען אויף בוי־מער, פּראָדוצירען אָהן א צוועק, אָהן א טעם און אָהן א גרעניץ אלערלייא פאָר־מען, וואָס מען קען נור בעגרייפען, לויט דיא נויטוועגדינקייט פון צופאל און נאָך דער מאסס פון דיא זונען, וועלכע ערהיצען דעם אוניווערזום. נאָך זיין מיינונג איז דורות ארויסברייגגען, רע־פּראָדוקציאָן, דער גרויסער אוניווער־סאלער געזעץ, דער הייליגער, עהרוויר־דיגער, העכערער אקט, דורך וועלכען דער פאָרטוועהרענדער בלינדער צוועק פון דעם וועלט־וועזען ווערט עררייכט.

געהענדיג פון דאָרף צו דאָרף, פון הויף צו הויף האָט ער אָנגעהויבען א פייערינגע מלחמה געגען דעם אונטאָלע־ראנטען, פערפאָלגענדען פּריסטער. זשאנגע האָט זיך זעהר גענומען צום הארצען וואָס דאָס האָט זיך אזוי א קעהר געטהאָן און זיא האָט זיך געבע־טען ביים פאטער, אז ער זאָל אויפ־הערען. אָבער דער באראָן פלעגט איהר אימער ענטפערען:

— דיעזע מענשען מוזען בא־קעמפּפט ווערען. דאָס איז אונזער רעכט און אונזער פפליכט. זיי זיינען אונמענשליך.

און טרויסלענדיג זיינע לאנגע, ווייסע גרייזע האָאָר פלעגט ער שרייען:

— זיי זיינען אונמענשליך; זיי פארשטעהען גאָרנישט; זיי האנדלען אונטער א פאלשען איינדרוק. זיי זיי־נען געגען דער נאטור.

ער פלעגט מיט אזא שארפקייט ארויסריידען דיא ווערטער „געגען נא־טור" אזוי וויא ער וואָלט ארויסריידען א פלוך.

דער יונגער גלח האָט גאנץ גוט געוואוסט פון דיעזער שנאה. אָבער אזוי וויא ער האָט ניט געוואָלט אויפ־געבען זיין קאָנטראָלע אויף זשאנגען און אויפ'ן שלאָס, האָט ער געווארט גע־דולדיג ביז זיין צייט וועט קומען, פיהר־לענדיג זיכער, אז סוף כל סוף וועט דער נצחון זיין זיינער.

דערצו האָט ער געהאט אין זינען א בעשטימטע אידעע; פער צופאל האָט ער זיך דערוואוסט וועגען דער אינ־טימער פערהעלטנים צווישען זשוליאן און גילבערטע, און ער האָט געוואָלט מאכען אן ענדע דערצו אום יעדען פרייז.

איין טאָג איז ער אוועק צו זשא־נען און נאָך א לאנגען, רעליגיעזען גע־שפרעך, האָט ער זיך צו איהר געווענ־דעט מיט א בקשה, זיא זאָל זיך מיט איהם פעראייניגען און איהם העלפען אויסראָטען א זינד, וואָס עקזיסטירט אין איהר אייגענער פאמיליע; זיא זאָל איהם העלפען ראטעווען צוויי נשמות, וועלכע ווערען פערזונקען. זיא האָט ניט גלייך פערשטאנען וואָס ער פערלאנגט פון איהר און האָט איהם געפרעגט. ער האָט אָבער איהר גע־ענטפערט:

— ווארט, דיא צייט איז נאָך ניט געקומען, איך וועל קומען אייך ווידער זעהען.

און ער איז גלייך אוועק.

דער ווינטער איז שוין געווען כמעט פערביי. דאָס איז געווען א גרינגער ווינטער, מילד און פייכט. אין עטליכע טעג ארום נאָך דעם פריהער־דיגען געשפרעך האָט זיך דער פריסטער ווידער געוויזען און האָט אָנגעהויבען צו ריידען צו זשאנען אין פערשטעלטע ווערטער וועגען א שענדליכע אויסגע־לאסענהייט, וועלכע עקזיסטירט צווי־שען צוויי פערזאָנען, וועמעס אויפ־פיהרונג עס האָט געדארפט זיין העכער פון יעדען פערדאכט. דיא וואָס ווייס־סען דערפון זיינען מחויב צו מאכען אן ענד דערצו מיט אלע מעגליכע מיטלען. ער האָט דאן א נעהם געטהאָן זשאנעס האנד און האָט איהר געווארענט, אז זיא זאָל אראָבוואַרפען דיא דעקלעך פון איהרע אויגען און זאָל פארשטעהען וואָס עס קומט פאָר ארום איהר און זאָל איהם העלפען אין זיין הייליגער אויפגאבע.

דעם מאהל האָט זיא שוין פערשטא־נען דעם אמת. אָבער זיא האָט געשווי־

גען, ווארום זיא האָט זיך געשראָקען פאַר דעם געדאַנק, וואָס פאַר א חורבן דאָס וועט ברענגען אין איהר שטילען הויז. זיא האָט דארום געמאַכט זיך אזוי וויא זיא וואָלט איהם ניט פארשטעהען. זעהענדיג, אז זיא פארשטעהט ניט, האָט ער זיך צורעכט געמאַכט גאַנץ אָפען.

— איך האָב אויסצופיהרען א שמערצליכע פפליכט, מאַדאַם גרעפין — האָט ער אָנגעהויבען — אָבער איך קען זיך דערפון ניט צוריקהאַלטען. מיין שליחות אויף דער ערד צווינגט מיך אויפצוקלעהרען אייך וועגען א געוויסער אַנגעלעגענהייט, צו וועלכער איהר מוזט מאַכען אַן ענד. אייער מאַן פיהרט א פערברעכערישע פריינדשאַפט מיט מאַדאַם דע־פּאַרוויל.

זשאַנע האָט אַראָבגעלאָזען איהר קאָפּ אויפ׳ן ברוסט, הילפלאָז און אַראָבגעפאַלען. דער גלח האָט גערעדט ווייטער:

— נון, וואָס האָט איהר אין זינען צו טהאָן?

— וואָס קען איך, וואָס זאָל איך טהאָן, הערר פּריסטער? — האָט זיא געשטאַמעלט.

— שטעלט זיך אַוועק אין וועג פון דיעזער פערברעכערישער ליידענשאַפט!

— האָט ער געענטפערט גראָב.

זשאַנע האָט זיך צואוויינט און האָט מיט א פערצווייפעלטער שטימע געזאָגט:

— ער האָט מיך שוין געגוג גענאַרט מיט דער דיענסטמויד; ער וועט מיך דען הערען? ער ליעבט מיך מעהר ניט. ער בעהאַנדעלט מיך שרעקליך אזוי גיך וויא איך פערלאַנג עפּעס וואָס איהם געפעהלט ניט. וואָס קען איך דען מהאָן?

דער גלח האָט ניט געענטפערט אויף איהר פראַגע, נור האָט אויסגעשריען:

— דאָס הייסט, אז איהר העלפט דעם פערברעכען, איהר זייט אַן אַנטהייל נעהמערין! זנות עקזיסטירט אונטער אייער אייגענעם דאך און איהר דולדעט דאָס! דער פאַרברעכען שפּיעלט זיך אָב אונטער אייערע אויגען און איהר קעהרט זיך אָב, איהר זעהט ניט. זייט איהר א פרוי? זייט איהר א קריסטין? זייט איהר א מוטער?

——— וואָס ווילט איהר אָבער זאָל איך טהאָן? — האָט זיא געשלוכצעט.

— טהוט אלעס, טהוט וואָס ניט איז, נור ניט דערלאָזט אזא שוידערליכקייט. וואָס ניט איז טהוט, זאָג איך, פערלאָזט אייער מאַן. אַנטלויפט פון דיעזען פערזינדיגטען הויז.

— אָבער איך האָב דאָך קיין געלד ניט, הערר פּריסטער, און עס פעהלט מיר קוראַזש אויך; און א חוץ דעם וויא קען איך אַוועק ניט האָבענדיג קיינע בעווייזע? איך האָב דאָך דאָס גאָר קיין רעכט ניט צו טהאָן.

ציטערנדיג פון אויפרעגונג, האָט זיך דער פּריסטער א שטעל געטהאָן,

— מאַדאַם, איהר זייט בעווירקט פון פייגהייט, און איך האָב גערעכענט, אז איהר זייט גאַנץ אַנדערש. איהר זייט ניט ווערטה, אז גאָט זאָל אייך מוחל זיין.

זשאַנע איז געפאַלען אויף איהרע קניע:

— א, האָט רחמנות, וואַרפט מיך ניט אַוועק, גיט מיר אַן עצה!

— איהר דאַרפט עפענען גראַף דע־פּאַרווילס אויגען. ער איז דיא פּערזאָן, וואָס דאַרף צוברעכען דיעזע זינדיגקייט!

— האָט דער גלח קורץ געענטפערט.

זיא איז א צושראָקענע געוואָרען פון אזא פאָרשלאַג:

— א, ער וועט מיך דער׳הרג׳ענען, הערר פּריסטער. און איך וואָלט דאָך דאָס געטהאָן א מסירה? א, ניין, אַלעס נור ניט דאָס!

דער גלח האָט מיט צאָרען אויפ־

געהויבען זיין האנד אזוי וויא צו פער־פלוכען זיא:

— דאן בלייבט מיט אייער שאנדע און מיט אייער פארברעכען, ווארום איהר זייט אזוי זינדיג וויא זיי, נאך זינדיגער פון זיי. איהר זייט דיא פרוי וואס דערלאזט רוהיג אלעס! איך האב דא מעהר אין הויז ניט וואס צו טהאן.

און ער איז אוועק; זיין גאנצער קערפער האט געציטערט פון צארען און אויפרעגונג. זשאנע איז ארויס נאך איהם פון צימער; זיא איז שוין געווען פארטיג אונטערצוגעבען זיך און האט שוין אנגעהויבען צו מאכען פארשפרע־כונגען. אבער ער איז געווען אזוי אין כעס, אז ער האט זיך ניט אבגעשטעלט, איז אוועק מיט שנעלע טריט, פאכענ־דיג בייז מיט זיין בלויען שירעם.

פלוצלונג האט ער דערזעהען זשו־ליאן שטעהענדיג לעבען פארקאן, אכ־טונג געבענדיג אויף דיא ארבייטער; דער גלח האט זיך א קעהר געטהאן לינקס און האט א זאג געטהאן:

— מאדאם, לאזט מיך, איך האב מעהר מיט אייך ניט וואס צו ריידען.

אין רעכטען מיטען פון זיין וועג, אין הויף איז געשטאנען א רעדעל זיך צוגעקוקט צו עפעס מיט נייגעריגקייט און שווייגענדיג, דער באראן איז גע־שטאנען אין מיטען רעדעל, מיט זיינע הענד א הינטער און האט אויך געקוקט. ער האט אויסגעזעהען וויא א שוהל־לעה־רער. ארום וועלכען עס האבען זיך ארומגעקליבען קליינווארג. ווען ער האט דערזעהען דעם גלח האט ער זיך אבגע־קעהרט און איז אוועק אום אויסצומיי־דען אזא באגעגעניש.

זשאנע איז נאך אלץ נאכגעגאנגען און האט זיך געבעטען:

— הער פריסטער, ניט מיר עטלי־כע טעג צייט, און דאן קומט ווידער. איך וועל אין דער צייט נאכדיינקען און וועל איך זאגען וואס איך קען טהאן און וואס איך האב פאר דער צייט פאר־טיג געבראכט און מיר וועלען זיך דאן ווידער מיישב זיין.

זיי זיינען צוגעקומען צו דיא קינ־דער, און דער גלח האט זיך א קעהר געטהאן צו זיי אום צו זעהען וואס עס האט זיי אזוי פאראינטערעסירט. דאס איז דיא צוויג מירזא געלעגען געווארען. פינף הינטעלעך זיינען שוין ארומגעקרא־כען ארום דער מוטער, וועלכע האט זיי צערטליך באלעקט, און אקוראט ווען דער פריסטער איז אונטערגעגאנגען און האט זיך אנגעבויגען א קוק צו טהאן איז א זעקסטער הינטעלע ערשיענען. די אינגלעך האבען אנגעהויבען פאטשען מיט דיא הענד, אפלאדירען און שרייען:

— אט איז נאך איינער, נאך איי־נער!

פאר זיי איז דאס געווען א פאר־שטעלונג, א פארשטעלונג פון דער נאטור, אין וועלכער עס איז קיין אונ־פיינעס ניט געווען. זיי זיינען געשטא־נען און געקוקט וויא הינטעלעך ווערען געבוירען וויא זיי וואלטען אויף עפעל געקוקט וואס פאלען אראב פון א בוים.

אנפאנגס איז דער גלח געווען ער־שטוינט. דערנאך האט איהם ערשט אנגעכאפט אן אנפאל פון ווילדען צא־רען; ער האט א כאפ געטהאן זיין גרויסען שירעם און האט גענומען שלא־גען מיט איהם דיא קינדער איבער דיא קעפ. דיא צושראקענע קינדער האבען גענומען לויפען אין אלע זייטען וויא שנעל דיא פיסלעך האבען זיי נור גע־טראגען. און דער גלח איז געבליעבען אלייז מיט'ן הונד. וועלכער האט זיך געמאטערט צו שטעלען אויף דיא פיס. אבער ער האט איהם ניט געלאזען אויפ־שטעלען זיך און האט גענומען שלאגען דאס ארעמע טהיער מיט זיין גאנצען כח. דער הונד האט ניט געקענט אנט־לויפען, ווארום ער איז געווען אויף א

קיים און ער האָט שרעקליך געסקאָור־יוצעט פון ווייטאָג. דער שירעם איז צובראָכען געוואָרען. ניט האָבענדיג מעהר מיט וואָס צו שלאָגען האָט ער אָנגעהויבען טרעטען אויפ'ן הונד מיט דיא פיס, קאָלעטשען, הרג'ענען מיט א ווילדען, וואהנזיניגען צאָרען. און דאן האָט ער מיט דיא קנאָפעל פון זיי־נע שטיוועל דערשלאָגען ביז טויט דעם צוקאָלעטשעטען, פארבלוטיגטען קער־פער, וועלכער האָט אין קאָנוואולסען געצאַפּעלט זיך נאָך אונטער זיינע פיס איז דער צייט וואָס דיא אָקאָרשט גע־בארענע הינטעלעך, בלינד און צו־קרימט, האָבען געזוכט שוין צו זויגען, נאָהרונג צו בעקומען.

זשאנע איז אנטלאָפען. אָבער פּלוצ־לונג האָט דער גלח דערפיהלט א האנד אויף זיין האלז. זיין הוט איז אראָב־געשליידערט געוואָרען און דער באראָן, א מיעדער, א פארמאַטערטער, האָט איהם געשלעפּט צום פארקאן און האָט איהם אריבערגעוואָרפען אין וועג. ווען דער באראָן, הערר לע־פערטואי האָט זיך דערנאָך א קעהר געטהאָן אויף צו־ריק, איז זיין טאָכטער געשטאַנען אויף דיא קניע לעבען דיא ערשט געבאָרענע הינטעלעך, וויינענדיג און זיא האָט זיי אויפגעקליבען אין איהר קלייד. דער באראָן איז צו איהר צוגעגאַנגען מיט בעס, זשעסטיקולירענדיג מיט דיא הענד און שרייענדיג:

— אָט דאָס איז אָקוראט וויא עס פּאַסט פאר איהם, פאר דעם געטליכען מאן! איצט זעהסטו שוין וואָס ער איז?

דיא ארבייטער פון דיא הויפען זיי־נען געקומען צולויפען, יעדער האָט געוואָלט זעהען דעם דער'הרג'עטען הונד, און מוטער גוילארד האָט געשריען:

וויא קען דאָס א מענש זיין אזא ווילדע חיה?

אָבער זשאנע האָט צונויפגעקליבען דיא זיבען הינטעלעך און האָט עקלערט, אז זיא וועט זיי אויסהאָדעווען. זיא האָט זיי געגעבען מילך, אָבער אין איין טאָג זיינען דריי פון זיי גע'פּגר'ט. פאטער סימאָן האָט דאן גענומען זוכען א צויג, וואָס זאָל קענען זיין א מאמע פאר דיא קינדער: אזוי וויא ער האָט קיין פּאסענדע ניט געקענט געפינען, האָט ער גאָר געבראכט א קאַטץ און האָט גע'טענה'ט, אז זיא וועט זיין אזוי גוט וויא א צויג. זיי האָבען דאן דער־הרג'ט דיא איבעריגע דריי הינטעשע עופה'לעך כדי זיי זאָלען זיך ניט מאַ־טערן אומזיסט, און איינעם האָבען זיי געגעבען דער קאַץ, און דיא ניי־געפונענע מוטער, גאָר פון אן אנדרען מיז האָט אדאָפּטירט דאָס הינדישע עופה'לע.

אין א פּאָאָר וואָכען ארום האָט מען דעם הינטעלע ענטוויינט, אז ער זאָל ניט אויסמאַטערען, זויגענדיג דיא אדאָפּ־טירטע מוטער, און זשאנע האָט איהם געהאָדעוועט מיט געבען מילך טרינקען. זיא האָט דעם הינטעלע א נאָמען געגע־בען „טאָטאָ" אָבער דער באראָן האָט אנגעווענדעט זיין אויטאָריטעט, אז מען זאָל דעם הינטעל טויפען אונטער דעם נאָמען „הריגה".

דער גלח איז שוין מעהר אין פּאַ־פּעל־בוימער ניט געקומען, אָבער דעם פאָלגענדען זונטאג, האָט ער פון דער בימה, אין זיין דרשה, געשאָלטען און געפלוכט דעם שלאָס, שרייענדיג, אז פערדאָרבענע געוויקסען דארפען אויס־געריסען ווערען מיט דיא וואָרצלען. ער האָט געשטורעמט און געדונערט געגען דעם באראָן (וועמען דאָס האָט זעהר אמוזירט) און האָט אין פארשטעלטע ווערטער אנגעוויזען אויף זשוליאן'ס ליעבהאבעריי. דער לעצטער איז אויפ־געבראכט געוואָרען פון דעם גלח'ס אנ־גריפע, ער האָט אָבער אונטערדריקט

זיין כעס מורא האָבענדיג צו ערוועקען א סקאַנדאַל.

און פון איצט אָן האָט ער אין יעדער דרשה ניט אויפגעהערט צו ערקלעהרען, אז ער וועט זעהען נקמה און אַז גאָטס האַנד וועט טרעפען אַלע זיינע שונאים. זשוליאַן האָט ניט געשוויגען, ער האָט אָנגעשריעבען א רעספּעקטפּאָלען, אָבער שטרייינגען בריעף צו דעם ערץ־בישאָף. פּאַטער טאַלביאַק האָט בעקומען דיא וואָרנונג, אַז מען וועט איהם אַראָבוואַרפען פון זיין שטעלע און ער איז פאַר א געוויסער צייט איינגעשטילט געוואָרען. מען פלעגט איהם דערנאָך אָפט זעהען וויא ער שפּרייזט איינער אַליין אַרום אין דיא פעלדער, א פערטראַכטער, א פאַרקלעהרטער.

זשוליאַן און גילבערטע פלעגען איהם זעהען יעדער טאָג, ווען זיי פלעגען זיין אויף זייער שפּאַציער רייטענדיג; זיי פלעגען זעהען א שוואַרצען פלעק אין א פעלד, אויף א ברעג פון א פעלז אָדער שפּרייזענדיג און לעזענדיג זיין פרומען בוך ערגעץ אין א טהאַל. זיי פלעגען דאַן פאַרקירעווען דיא פערד אום אויסצומיידען איהם.

דער פריהלינג איז אָנגעקומען און מיט דעם פריהלינג מעהר ליידענשאַפט. יעדען טאָג זיינען גילבערטע מיט זשוליאַנען געווען צוזאַמען, דאָס אין איין פּלאַץ, דאָס אין אַן אַנדערן, אונטער יעדער בעהאַלטונגס־פּלאַץ, און אַזוי וויא דיא בלעטער אויף דיא בוימער זיינען נאָך געווען קליין און שיטער און דיא גראָז איז געווען פייכט און אַזוי וויא עס איז געווען אונמעגליך פאַר זיי צו בעהאַלטען זיך אין דיא קליינע קוסטעס, פלעגען זיי זיך אָפט בענוצען מיט דער וואַגען־ביידעל פון א פּאַסטוך, וועלכער איז געבליעבען שטעהען נאָך פון לעצטען הערבסט אויף דעם באַרג פון וואָקאָט.

דיעזע פאַהרענדע הויז, א ביידעל אויף הויכע רעדער, וועלכע איז איבערגעלאָזען געוואָרען אויף דעם פּלאַץ, האָט זיך איינגעפונען אויף 500 עלען פון דעם פעליען־ברעג פון באַרג, דאָרט האָבען זיי קיין מורא ניט געהאַט, אז מען וועט זיי כאַפּען, ווארום פון דאָרט האָבען זיי געקענט זעהען דיא גאַנצע ברייט פון לאַנקע, און דיא פערד, צוגעבונדענע צו דיעזען וואַגען־ביידעל האָבען געדולדיג געוואַרט אויף זיי ביז זיי זיינען אַרויסגעקומען.

אָבער איין טאָג, ווען זיי זיינען אַרויסגעקומען פון זייער בעהאַלטונגס־פּלאַץ, האָבען זיי דערזעהען, אַז דער גלח זיצט צווישען דיא קוסטעס, וואָס זיינען געוואַקסען אויפ'ן באַרג.

— מיר וועלען בעסער איבערלאָזען וייטער דיא פערד אין טהאַל — האָט א זאָג געטהאָן זשוליאַן — ווארום אי־בער זיי קען מען אויסגעפינען פון ווייטען וואו מיר געפינען זיך.

און פון דעם טאָג אָן פלעגען זיי צובינדען דיא פערד אויפ'ן וועג, וואָס האָט זיך איינגעפונען צווישען געדיכטע קוסטעס.

איין מאָל, איין אבענד, ווען זיי זיינען ביידע געריטען צוריק קיין „לאַ־ווערילעט", וואו זיי האָבען אָבגערעדט צו עסען מיטאָג צוזאַמען מיט דעם גראַף, האָבען זיי בעגעגענט דעם גלח וויא ער קומט אויפ'ן וועג וואָס ציהט זיך פון שלאָס. ער האָט אָבגעטראָטען אָן א זייט, האָט געצויגען זיין מיטץ און האָט זיי דורכגעלאָזען, ניט א קוק טאָהנדיג אפילו אויף זיי.

זיי האָבען זיך א ביסעל צושראָקען, און אויף זיי איז אַרויפגעפאַלען עפּעס א פאַרגעפיהל, וועלכער איז אָבער אין גיכען פערשוואונדען און אַלעס איז געגאַנגען אויף דעמזעלבען שטייגער וויא געוועזען.

איין נאָכמיטאָג, ווען זשאַנע איז געזעסען לעבען קאַמין (דאָס איז געווע־

אנפאנגס מאי און עס איז נאך געווען קיהל) האט זיא אונערווארטעט דער־זעהען וויא דער גראף דער פארוויל קומט אן מיט שנעלע שריט צום שלאס. איהר איז גלייך ארויף דער געדאנק, אז עפעס א שרעקליכער אונגליק האט פאסירט. זיא איז געלאפען אנטקעגען אום אויפ־צונעהמען איהם, אבער ווען זיא האט דערזעהען זיין פנים האט זיא געמיינט, אז ער איז אראב פון זינען. ער האט געטראגען א גרויסע פוטערנע היטעל, וועלכע ער פלעגט טראגען נור ביי זיך אין דערהיים, און זיין יאגד מאנטעל. ער איז געווען אזוי בלייך, אז זיינע רויטע וואנצעס, וועלכע האבען אימער הארמאנירט מיט דעם רויטען פארב אין זיינע באקען, האבען אויסגעזעהען אזוי וויא פייער. זיינע אויגען זיינען געווען ווילד פערקאטשעט אין זייערע אויגען־לעבער.

— מיין ווייב איז דא, איז זיא ניט? — האט ער געשטאמעלט.

— ניין, איך האב זיא היינט ניט געזעהען — האט זשאנע געענטפערט א צומישטע.

ער האט זיך אוועקגעזעצט אזוי ווי זיינע קניע וואלטען זיך א בויג געטהאן אונטער דער משא, האט אראבגענומען זיין פוטערנע היטעל און האט מעכא־ניש געריבען דעם שטערען עטליכע מאל מיט זיין טאשענטוך. דאן איז ער אויפגעשפרונגען און איז צוגעגאנגען צו זשאנען מיט אויסגעשטרעקטע ארעמס און צועפענטע ליפען, פארטיג צו רייד־דען, מאכען עפעס א שרעקליכע ענט־דעקונג. אבער פלוצלונג איז ער גע־בליבען שטעהען און אויסשטעלענדיג אויף איהר זיינע בליקען האט ער אנגע־הויבען צו שטאמלען וויא ער וואלט גע־ווען שיכור:

— אבער דאס . . . דאס איז דאך אייער מאן . . . און . . . און איהר אויך . . .

און ער האט זיך גלייך א ווארף גע־טהאן לויפען אויפ'ן וועג צום ים.

זשאנע איז נאך איהם נאכגעלאפען מיט א קלאפענדען הארצען און האט גערופען איהם צוריק מיט א געבעט, ער זאל זיך בערוהיגען:

— ער האט ענטדעקט אלעס! — האט זיא געטראכט — וואס וועט ער טהאן? א, איך האף, אז ער וועט זיי ניט געפינען.

אומזיסט איז זיא נאך איהם געלא־פען; זיא האט איהם ניט געקענט דער־יאגען; ער האט זיך ניט געוואלט צוהע־רען צו איהרע ווערטער, צו איהר געבעט. ער איז געלאפען אהן אבשטעל, אזוי ווי זיכער אין'ם צוועק, צו וועלכען ער לויפט. ער איז געשפרונגען איבער קא־נאוועס, איבער שטראמען, ביז ער איז ענדליך אנגעקומען צום פעלזען־בארג. זשאנע איז געשטאנען און האט געווארט מיט א ציטעריגע הארץ ביז ער איז פער־שוואונדען פון איהרע אויגען; זיא איז דאן אונרוהיג און צושראקען אוועק צו־ריק.

קומענדיג צום פעלזען־בארג האט ער א קעהר געטהאן רעכטס און האט אנגעהויבען לויפען נאך שנעלער. דער ברויזענדער ים איז געווען ווייס מיט שוים; גרויסע, שווארצע וואלקענס הא־בען אויסגעזעהן א גוס־רעגען אויף דעם ברעג. דער ווינד האט געפייפט און געהוזשעט, בויגענדיג דיא יונגע בוימלעך און טרייבענדיג פון ים־לופט גרויסע, ווייסע פויגלען צו דער יבשה; זיי הא־בען אויסגעזעהען פון ווייטען ווי גרויסע שנעע־שטיקער.

דער רעגען האט געשמיסען דעם גראף אין פנים, האט דורכגעווייקט זיינע באקען, זיינע וואנצעס, וועלכע זיינען אראבגעהאנגען גלייך אראבצו; אין זיינע אויערן האט געהוזשעט, אין זיין הארץ איז געווען א מהומה; בע־פאר איהם איז געווען דער טהאל פון וואוקאט. קיין זאך האט זיך ניט געזעהן אויסער א פאסטוך'ס הייזעל אויף רע־דער, וועלכע איז געשטאנען אין פער־לאזענעם פעלד. צוויי פערד זיינע געווען



און מיט דעם כח פון אן אָקס האט ער גענו..ען שטופען די שטיבעל אויף רעדער מיט די
וואס זיינען אינוועניג געווען צום ברעג פון מאַנטיפּעדיגען אראפּ בארג.

צוגעבונדען צו דער וואגען־ביידעל. פאר וועמען איז דען געווען מורא צו האָבען אין אזא שטורעמדיגען וועטער?

וויא נור ער האָט דערזעהען דיא פערד, האָט ער זיך אראָבגעלאָזען אויף זיינע הענד און קניע און האָט אָנגעהויבען קריכען אויף אל דיא פיער צום פאָרדערנדען שטיבעל; ער האָט אויסגעזעהען, מיט זיין שווערען קערפער באדעקט מיט בלאָטע און דער קאָפּ אין א פוטער־היטעל, אזוי וויא אן אונגעהייערע חיה. ער איז אזוי צוגעקראָכען צו דער איינזאמער שטיבעל אזוי מען זאָל איהם ניט קענען דערזעהען דורך דיא שפאלטען אין דיא ווענדלעך.

ווען דיא פערד האָבען איהם דערזעהען זיינען זיי געוואָרען אונרוהיג און ער האָט איבערגעשניטען זייערע צוימען מיט וועלכע זיי זיינען געווען אָנגעבונדען צו דער שטיבעל; ער האָט דאָס איבערגעשניטען מיט אן אָפענעם מעסערל, וועלכען ער האָט געהאלטען אין האנד. אין דער מינוט האָט א שטארקער ווינד א בושעווע געטהאָן און דיא פערד האָבען זיך א לאָז געטהאָן, אוועקגאלאָפירענדיג געיאָגטע פון׳ם פאָגעל, וועלכער האָט געקלאפט אויפ׳ן דעכעל פון דער שטיבעל אויף רעדער. דיא שטיבעל האָט זיך געוויגט אויף דיא הויכע רעדער, זייענדיג באוועגט פון שטורעם.

דער גראף האָט דאן, שטעהענדיג אויף דיא קניע איינגעקוקט אין שטיבעל מיט איין אויג דורך דעם שפאלט, וואָס איז געווען אין טהיר. ער איז געבליבען אונבעוועגליך. עס האָט אויסגעזעהען אזוי וויא ער וואָלט אויף עפעסווארטען. א קליינע ווײלע איז אריבער; דאן האָט ער זיך אויפגעשטעלט; ער איז געווען איינגעשמירט אין בלאָטע פון קאָפּ ביז דיא פיס.

מיט א וואהנזיניגער באוועגונג האָט ער פערשפארט פון דרויסען דעם ריגעל, וועלכער האָט פערשלאָסען דיא טהיר פון דרויסען. ער האָט דאן אָנגעכאפט דיא אקסען פון ביידעל און האָט דאָס געגעבען א טרויסעל אזוי וויא ער וואָלט זיא וועלען צושמעטערען אין טויזענד שטיקעלעך. ער האָט זיך דערנאָך מיט א מאָל א שפאר געטהאָן צום וואגען, האָט איינגעבויגט זיין גרויסע, הויכע פיגור מיט א פערצווייפעלטער אָנשטריינגונג און מיט דעם כח פון אן אָקס האָט ער גענומען שלעפען די שטיבעל אויף רעדער מיט דיא וואָס זיינען אינווייניג געווען צום ברעג פון משופע׳דיגען אראָב׳ן בארג. פון אינעווייניג האָבען זיך געהערט געשרייען פון שרעק און קלאפעריי, ווארום זשוליאן און דיא גרעפין האָבען ניט געוואוסט וואָס עס האָט אזוינס פאסירט מיט זייער שטיבעל.

ווען דער גראף איז צוגעקומען צום רעכטען שפיץ, האָט ער א לאָז געטהאָן דיא וואגען־שטיבעל אראָב דעם משופע׳דיגען בארג. אן אלטער שלעפער, וועלכער איז געלעגען אין א גראָבען האָט דערזעהען וויא עפעס קייקעלט זיך אריבער איבער זיין קאָפּ און ער האָט געהערט שוידערליכע געשרייען פון אינווייניג.

דיא הילצערנע ביידעל האָט פלוצלונג פערלאָרען איינע פון איהרע רעדער, האָט זיך איבערגעקעהרט אויף א זייט און האָט זיך שוין אָנגעהויבען צו קוליען אראָב׳ן בארג, אזוי וויא א הויז, וואָס איז אראָבגעשווינקט געוואָרען און אראָבגעפאלען פון א שפיץ בארג. ווען עס איז צוגעקומען צום ברעג פון׳ם לעצטען טהאל האָט דאָס געגעבען א שפרונג אין דער הויך און דערנאָך א זעץ אראָב אויפ׳ן סאמע אונטען פון בארג און איז צושאָטען געוואָרען, וויא אן אייער שאלעכץ.

דער אלטער שלעפער, וועלכער האָט געקוקט מיט ערשטוינען וויא דאָס האָט זיך אראָבגעקייקעלט אראָב׳ן בארג, האָט גענומען אראָבקלעטערען צום גרונד וואו דאָס איז געבליעבען ליגען. ער איז אָבער ניט צוגעגאנגען צו דער חורבה און איז געלאָפען צו דעם נאָהענסטען הויף צו לאָזען וויסען וועגען דעם אונגליק.

דיא ארבייטער פון הויף זיינען גלייך

געלאָפען צו דער סצענע ; זיי האָבען אויפגעהויבען דיא ברעטער און האָבען געפונען צוויי קערפּערס, שרעקליך צו־קאלעטשעט און צובלוטיגט. דעם מאנס פארשוינס קאָפּ איז געווען צושפּאָלטען און דער פּנים צוקוואשעט. די פרוי׳ס א באַק־ביין איז ארויסגעזעצט געוואָרען און זייערע ביידענס גלידער זיינען גע־ווען אזוי צוקוועטשט, אזוי וויא אין דיא גלידער וואָלטען קיין מאָל קיין ביי־נער ניט געווען.

אָבער ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיי זיינען געווען אזוי צוקאלעטשעט האָט מען זיי דאָך דערקענט און יעדער האָט איצט אָנגעהויבען צו קלערען, וועגען דער אורזאכע וויא אזוי עס האָט געקענט פּאסירען אזא אינגליק.

— וואָס האָבען זיי דאָ געטהאָן אין שטיבעל ? — האָט איין פרוי א פרעג געטהאָן.

— זיי האָבען מסתמא געזוכט וואו צו בעהאַלטען זיך פון שטורעם — האָט גענענטפערט דער שלעפּער — און דער שמארקער ווינד האָט מסתמא אראָבגע־שליידערט דיא שטיבעל פון בארג און זיי זיינען גע׳הרג׳ט געוואָרען. איך אליין האָב געוואָלט בעהאלטען זיך אין שטיבעל, האָב איך אָבער געזעהען צוויי רייט־פערד צוגעבונדען, האָב איך פערר־שטאנען, אז אימיצער איז שוין דאָ אינווייניג. ווען זיי וואָלטען ניט גע־ווען אינווייניג וואָלט איך דאָס גע־לעגען איצט דאָ אזא צובלוטיגטער.

— דאָס וואָלט אפשר בעסער גע־ווען — האָט זיך אימיצער אָבגערופען.

— פאר וואָס וואָלט דאָס עפּעס געווען בעסער ? — איז דער אלטער אויפגעקאָכט געוואָרען — ווייל איך בין א קבצן און זיי זיינען רייך ? נו, קוקט זיך איצט אין זיי איין — האָט ער אָנ־געוויזען מיט כעס, א דורכגעווייקטער פון רעגען — מיר זיינען בה״ש אַלע גליך, ווען מיר זיינען טויט.

מעהר פוירעיט האָבען זיך אונטער־דעסען אָנגעקליעבען און זיי זיינען גע־שטאנען און געקוקט אויף דיא קערפּערס צושראָקענע. זיי האָבען זיך איצט אַלע בעראטהען וואָס צו טהאָן, און האָבען אַלע בעשלאָסען, אז אזוי וויא מען וועט דאָך מסתמא בעקומען דער־פאר א בעלוינונג אין שלאָס, דארף מען פיהרען דיא קערפּערס אהין. מען האָט איינגעשפּאנט צוויי פוהרען.

אָבער דאָ האָט זיך געוויזען א נייע מניעה. אימיצער האָט פאָרגעלייגט אריינצולייגען א פּאָאר בינטלעך שטרוי אין וואגען אונטערצובעטען אונטער די הרוגים, און דיא איבעריגע, אויס רע־ספעקט פאר דיא טויטע, האָבען גע־דיינקט, אז עס פּאסט זיך בעסער אונ־טערצולייגען מאטראצען.

— אָבער זיי וועלען דאָך שרעקליך פארפלעקט ווערען — האָט אויסגע־שריען א פרוי — און מען וועט דער־נאָך האָבען אַ עסק אָבצוואַוואשען.

— נו, וועלען זיי דערפאר אייך בע־צאהלען — האָט זיך אָבגערופען א פע־טער לאנד־ארבייטער מיט א רונדען פע־טען פּנים — וואָס מעהר עס וועלען ווערטה זיין דיא מאטראצען אַלץ טהייערער וועלען זיי האָבען צו בעצאהלען.

דיעזע טענה האָט געווירקט. מען האָט אַלזאָ איינגעשפּאנט צוויי פוהרען אויף הויכע רעדער אָהן רעסאָרען. איי־נעם האָט מען אוועקגעפיהרט רעכטס, איינעם לינקס מיט דיא קערפּערס פון דיא צוויי געליעבטע, וועלכע האָבען זיך געטרויסעלט אינווייניג.

דער גראף איז געלאָפען אזוי גיך וויא דיא פיס זיינע האָבען איהם גע־קענט טראָגען באלד וויא ער האָט גע־זעהען, אז דער וואגען־שטיבעל מיט דיא צוויי געליעבטע קוליען זיך אראָב׳ן בארג. ער איז געלאָפען מיט אימפּעט צווישען דיא קוסטעס, איבער דיא שטעגען, געשפּרונגען איבער קאנאוועס. ער איז אָנגעקומען אין שלאָס, ווען עס איז שוין געווען פארנאכט און האָט אליין ניט געוואוסט וויא אזוי און מיט וועלכען וועג ער איז אָנגעקומען אין שלאָס.

דיא צושראָקענע דינער האָבען גע־ווארט אויף איהם און האָבען איהם דערצעהלט, אז דיא צוויי פערד זיינען

געקומען צולויפען אָהן רייטער. זשו־ליאַן'ס פערד איז געקומען צולויפען נאָך דעם אנדערען אויך אין יענעמס היים. גראף דע־פּארוויל איז צוטומעלט גע־וואָרען:

— עפּעס האָט געמוזט פּאסירען מיט זיי — האָט ער געזאָגט מיט א פארשטיקטען קול — יעדער מוז געהען איצט זוכען, וואו זיי זיינען אהינגעקו־מען.

און ער אליין איז אויך געגאנגען. אָבער אזוי גיך וויא מען האָט איהם מעהר ניט געקענט זעהען, האָט ער זיך בעהאלטען אונטער דיא קוסטעס און האָט פון וויטען געקוקט וויא עס וועט זיך צוריק קעהרען דיא, וועלכע ער האָט נאָך אלץ געליעבט מיט א ווילדער ליידענשאפט און וועלכע מען וועט דאָך זיכער ברייננגען אהיים א טויטע אָדער א שטערבענדע, א צוקאלעטשעטע אויף אייביג.

א פוהר איז פערבייגעפאָהרען פער־ביי איהם, פיהרענדיג עפּעס א זאָנ־דערבארע משא. דיא פוהר האָט זיך אָבגעשטעלט פאר'ן שלאָס און איז אריינגעפאָהרען אין טויער. יא, דאָס איז עס געווען, דאָס איז געווען זיא; אָבער א מורא'דיגע ציטערנים האָט איהם וויא צוגעשמידט צום פּלאץ, דער פּחד פון'ם אמת האָט איהם צוגעהאל־טען אויפ'ן פּלאץ אונבעוועגליך און פלעגט איהם אויפטרויסלען, אזוי ווי א הירשין פון דעם קלענסטען גערויש.

א שטונדע אָדער צוויי האָט ער אזוי געווארט. דער וואגען איז נאָך צוריק ניט געפאָהרען. ער האָט זיך פארגעשטעלט אז זיין פרוי האלט אין גוסס'ן און דיא פארשטעלונג, אז ער וועט זיא זעהען, אז ער וועט באגעגע־נען איהר בליק האָט איהם אָנגעפילט מיט שוידער, אז ער האָט שוין אָנגע־הויבען מורא האָבען, מען זאָל זיך ניט דערוויסען פון דער געשיכטע און ער זאָל ניט זיין געצוואונגען צו זעהען איהר מאטערנעס מיט'ן טויט. ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז געלאָפען, אין וואלד איז ער געלאָפען. אָבער דאן איז איהם ארויף דער רעיון, אז אפשר דארף מען העלפען און קיינער קען זיא ניט ראטעווען און ער האָט זיך א וואָרף געטהאָן צוריק אהיים.

ווען ער איז געקומען צוריק אין שלאָס, האָט ער באגעגענט דעם גערט־נער און ער האָט א געשריי געטהאָן: נו?

דער גערטנער האָט ניט געהאט קיין הארץ איהם צו ענטפערען. דער גראף האָט כמעט וויא ארויסגעברומט:

— איז זיא טויט?

— יא, הערר גראף — האָט דער מאן געענטפערט.

ער האָט גלייך דערפיהלט וויא איהם איז גרינגער געוואָרען. פּאלשטענ־דיג רוהיג איז פּלוצלונג געוואָרען זיין בלוט און זיינע אנגעשטריינגטע גליע־דער האָבען זיך דערפיהלט קרעפטיגער. מיט פעסטע טריט איז ער שוין איצט געגאנגען אויף דיא טרעפּ.

דיא אנדער פוהר איז אָנגעקומען אין „פּאפּעלבוימער". זשאנע האָט גע־זעהען וויא מען האָט אריינגעפיהרט די פוהר אין הויף פון שלאָס, האָט גע־זעהען דיא מאטראצען, האָט געטראָפען אז אויף זיי ליגט א קערפּער און האָט פערשטאנען וואָס עס האָט פּאסירט. איהר שרעק און מורא איז געווען אזוי גרויס, אז זיא איז אנידערגעפאלען צו דער ערד אין חלשות.

ווען זיא איז געקומען צו זיך איז איהר פאטער געשטאנען לעבען איהר, האָט געהאלטען איהר קאָפּ און האָט גע־וואשען איהר שטערן מיט עססיג.

— ווייסט דוא שוין? — האָט ער זיא געפרעגט פארזיכטיג.

— יא, פאטער, איך ווייס — האָט זיא געשעפּצעט קוים הערבאר.

אָבער ווען זיא האָט זיך געוואָלט אויפהויבען האָט זיא דערפיהלט שרעק־ליכע שמערצען און האָט ניט געקענט.

דיעזעלביגע נאכט האָט זיא גע־בראכט א טויטע קינד אויף דער וועלט; א מיידעלע.

זיא האָט ניט געזעהען זשוליאן'ס לויה; זיא האָט קיין זאך ניט געזעהען

און ניט געוואוסט וועגען דעם. אין א טאָג אָדער צוויי ארום האָט זיא גע־מערקט בלויז, אז טאנטע ליזאַן איז וויעדער געקומען ; און אין איהר פי־בער־היץ, אין דיא פאנטאזירענדע נעכט, פלעגט זיא זיך אלע וואונדערן, ווען האָט דען טאנטע ליזאַן פערלאָזען דעם שלאָס, וואָס זיא איז וויעדער גע־קומען און אונטער וועלכע אומשטענ־דען איז זיא דען אוועק געפאָהרען.

זיא האָט אָבער ניט געקענט דער־קלעהרען זיך קיין זאך אין איהר פי־בערישען צושטאנד, אפילו אין דיא מינוטען, ווען דיא היץ האָט זיא אַ ביסעל אָבגעלאָזען ; זיא האָט נור גע־דיינקט איין זאך, אז נאָך דער מוטערס טויט האָט זיא דאָרט געזעהען דיא טאַנ־טע ליזאַן און אז איצט איז זיא וויע־דער דאָ.

# פאול'ס ענטוויקלען זיך

דריי חדשים איז זשאנע געלעגען קראנק און האָט ניט געקענט פערלאָזען איהר צימער. זיא איז געוואָרען אזוי בלייך און אזוי שוואך פאר דער צייט, אז אלע האָבען שוין געמיינט, אז זיא איז א פערלאָרענע. אָבער ביסלעכווייז, גאנץ לאנגזאם זיינען איהרע כחות גע־קומען צו איהר צוריק. איהר פאטער און טאנטע ליזאַן זיינען דיא גאנצע צייט געווען לעבען איהר און זיינען געבליע־בען איבער איהר שוין שטענדיג וואה־נען איז „פאפעל־בוימער". דער שלאג וואָס האָט מיט איהר געטראָפען האָט אָבער געלאָזען א סליאד ; זיא איז גע־בליעבען מיט קראנקע נערוועז ; דעם קלענסטען גערויש פלעגט זיא ניט קע־נען פארטראָגען, פלעגט פאלען פון יעדע קלייניגקייט אין אונמאַכט.

זיא האָט קיין מאָל ניט נאָכגע־פרעגט זיך וועגען זשוליאַן'ס טויט. וואָס איז איהר דיא נפקא מינה ? איז ניט גענוג וואָס זיא האָט שוין געוואוסט ? אלע זיינען געווען אונטער דעם איינ־דרוק, אז דאָס איז געווען אן אונגליקס־צופאל, אָבער זיא האָט דאך געוואוסט בעסער פון זיי. דעם סוד וואָס זיא האָט געוואוסט און וואָס האָט איהר גע־מאַטערט, האָט זיא געהאַלטען פער־שלאָסען ביי זיך אין הארץ, דאָס הייסט דעם פאקט פון דער ליעב־האבעריי פון איהר מאַן מיט גילבערטען און דעם גראַף'ס קורצער און שטורמעדיגער בע־זוך אין דעם טאָג, ווען דיא קאטאסטרא־פע האָט פאסירט.

מערקווירדיג, איהר הארץ האָט איצט געפיהלט נור דיא צערטליכע ער־אינערונגען פון דער קורצ־צייטיגער ליע־בע וואָס זיא האָט א מאָל געפיהלט צו איהר מאַן. יעדעס מאָל פלעגט זיא זיך עפּעס דערמאָהנען אונערוואַרטעט אויף א מאָמענט פון יענער ליעבע ; ער האָט זיך איהר איצט פאַרגעשטעלט אין זעלבען געשטאַלט ווי זיא האָט איהם גע־זעהען אין דער קורצער צייט פון זייער פער'סנס'ונג און וויא ער האָט פאר איהר אויסגעזעהען אין דער צייט פון זייער האָניג־רייזע באלד נאָך דער חתונה, דיא איינציגע צייט וואָס זיא האָט ווען עס איז געפיהלט ליידענשאפט אונטער דער ברענענדער זונן פון קאר־סיקא.

אלע זיינע חסרונות זיינען פאר־קלענערט געוואָרען אין איהר עראינע־רונג ; אלע זיינע גראָבקייטען און בייז־קייטען זיינען פערשוואונדען ; אפילו זיינע אונטריי־היטען זיינען אָבגעבלא־קירט געוואָרען אין דעם שטח איצט, וואָס זיין קבר איז געווען פון איהר.

נאָך מעהר. זיא איז איצט אין גאַנ־צען בענומען געוואָרען מיט א מין דאנק־בארקייט צו דעם מענשען, וועלכער האָט זיא געהאַלטען אין זיינע אָרעמס; זיא האָט איהם מחל געווען איהרע פער־גאנגענע יסורים און אין איהר זכרון

זיינע בלויז פערבליעבען דיא גליקליכע מאָמענטען פון זייער פערהייראטען לעבען. און דאַן, ווען מאַנאַטען זיינען פערביי, איין מאַנאַט נאָך דעם אַנדערען. פארציהענדיג אַ שלייער איבער איהרע ליידען און איבער איהרע עראינערונגען, האָט זיא זיך אנגעהויבען אבגעבען אין גאַנצען מיט דער ערציהונג פון איהר זוהן.

ער איז געוואָרען איהר גאָט; דער איינצעלנער אלעם איינשלינגענדער געדאנק פון זיין מוטער איז ער געוואָרען; דער ליעבלינג פון זיין זיידען און פון זיין טאנטע, און ער האָט געהערשט איבער זיי וויא אַ דעספּאָט. אַ מין אייפערזוכט האָט זאָגאר עקזיסטירט צווישען דיעזע דריי שקלאַפען; זשאַנע פלעגט ווערען נערוועז ווען זיא פלעגט זעהען וויא ער קוסט און נעהמט ארום דעם זיידען, נאָך דעם וויא דער לעצטער פלעגט איהם הוידען אויף זיינע קניע. און טאנטע ליזאַן, אויף וועלכער דאס קינד האָט זיך אונערבערמליך ניט ארומגעקוקט, אזוי וויא אלע אנדערע פלעגען זיך באגעהען מיט איהר און מיט וועלכער ער פלעגט זיך מאַנכע מאָל באגעהען וויא מיט אַ דיענסט, אָבוואָהל ער האָט נאָך קוים געקענט פלאַפּלען ווערטער, פלעגט זיך פערשפאַרען אין איהר צימער און פלעגט וויינען איבער דיא מינדעסטע שטיקעל צערטליבקייט וואס זיא האָט געבעטען פון איהם און זעהענדיג, אז דאס קינד האָט בלויז ליעב זיין מוטער און זיין זיידען, וויא איהר האָט אויסגעוויזען.

צוויי יאָהר זיינען אזוי פערביי און עס האָט קיין באזונדער זאַך ניט פּאַסירט. אין אָנהויב פון דעם דריטען ווינטער האָבען זיי בעשלאָסען איבערצוקלייבען זיך קיין רואַן ביז פריהלינג. דיא גאנצע פאמיליע האָט צונויפגעפּאַקט זיך און האָט פערלאָזען „פּאַפּעל־בוימער". אבער ווען זיי האָבען אריינגעקליבען זיך אין רואַן, אין דעם פערלאַזענעם פּייכטען הויז, איז פּאָול קראַנק געוואָרען אויף בראָנכיט אזוי שטארק, אז מען האָט מורא באקומען עס זאָל זיך דערפון ניט ענטוויקלען אַ פּלעווריט. אלע האָבען בעשלאָסען, אז דער בעסטער און געזינדסטער פּלאַץ פאר איהם איז צו לאַנד, און אזוי גיך וויא ער איז בעסער געוואָרען האָבען זיי זיך צוריק איבערגעקליבען אין „פּאַפּעל־בוימער".

דאַן האָט זיך אוועקגעצויגען אַ רייהע פון גליקליכע און מאָנאַטאָנע יאָהרען. תמיד ארום דעם אינגעל, דאָס אין צימער פון זיין ערציהערין, דאָך אין זאַאל, אַ מאָל אין גאָרטען, פלעגען זיי שטענדיג ענטציקט ווערען פון זיין פּלאַפּלען; וויא קאָמיש ער רעדט ארוים ווערטער, וויא ער מאַכט מיט'ן הענטעל, וויא ער לויפט מיט דיא פיסלעך, וויא ער באוועגט זיך: זיין מוטער האָט איהם מיט ליעבשאַפט גערופען מיט'ן צערטליכען נאָמען „פּאָלעט", אבער אזוי וויא ער האָט שאַרף ניט געקענט ארויסריידען דעם וואָרט, פלעגען זיי זיך גליקליך צולאַכען אלע מאָל וויא ער פלעגט מיט זיין קינדערשען צינגעל ארויסזאָגען „פּאַיעט" און מען האָט שוין איהם אנגעהויבען דורכאויס אזוי רופען.

אזוי ווי ער איז שנעל געוואקסען, איז געווען דער בעסטער צייטפערטרייב פאר זיינע דריי ערציהער, וועלכע דער באראָן האָט אין שפּאַס גערופען „דיא דריי מאַמעס", צו מעסטען אויף וויפיעל ער איז צוגעוואקסען. דיא טהיר פון זאַאל איז געווען פול מיט געצייכענטע סמנים מיט אַ מעסערל דיא מאָס וויפיעל ער איז צוגעוואקסען. אַ צייכען פאר יעדער מאָנאַט וויפיעל איהם איז צוגעקומען אין דיא הויך.

אין אַ קורצער צייט ארום איז אַ נייע בריאה ערשיענען אויף דער סצענע און האָט אנגעהויבען צו שפּיעלען אַ וויכ־

טיגע ראָלע אין דער פאמיליע. דאָס
איז געווען „הריגה“, דער אויסגעהאָדע־
וועטער הינטעל, וועלכער איז שטאַרק
פערנאכלעסיגט געוואָרען איבער דעם
וואס זשאַנע איז געווען אין גאנצען פער־
נומען מיט איהר זוהן. ער איז דיא
גאנצע צייט געווען צוגעבונדען אויף א
קייט צו זיין ביידעל לעבען שייער און
האט געלעבט אָן איינזאַמען, אָבגעזונ־
דערטען לעבען; דיא קעכין לודיווען
פלעגט איהם בלויז בעזאָרגען מיט עסען.

פאול האָט איין טאָג דערזעהען דעם
הונד און האָט זיך צו־וויינט, אז ער וויל
איהם לאשצען. זיי האָבען איהם צוגע־
פיהרט צום הונד, מורא האָבענדיג, אז
עס זאָל עפעס זיך שלעכטס ניט טרע־
פען. אָבער דער הונד האָט אויפגענומען
דעם אינגעל מיט גרויס ליעבע. דער קליי־
נער אינגעל האָט זעהר הנאה געהאַט פון
דער שטומער בריאה און האָט זיך צו־
שריען, ווען מען האָט זיי געוואָלט צו־
שיידען. נו. האָט מען „הריגה“ אָבגעבונ־
דען פון קייט און ערלויבט איהם צו וואָה־
נען אין הויז.

דיא צוויי זיינען געוואָרען אונצו־
שיידבאַר; זיי זיינען ארומגעשפרונגען
צוזאַמען, האבען זיך געקייקעלט ביידע
אויפ׳ן טעפּיך. און באַלד האָט מען גע־
מוזט דעם הונד אויך ערלויבען צו שלאָ־
פען אויף דער זעלבער בעט מיט זיין
חבר, וועלכער האָט קיין מינוט ניט גע־
וואלט זיין אָהן איהם. זשאַנע האָט גע־
וואלט ווירקען, אז די פריינדשאפט זאָל
ניט זיין אזוי גרויס איבער די פליי פון׳ם
הונד. און טאנטע ליזאָן האָט דעם הונד
ניט געקענט מוחל זיין, וואס ער האָט
אוועקגענומען א גרויסע טהייל פון דעם
אינגעלס ליעבע, וועלכע האָט על פי
יושר געדארפט בעלאַנגען צו איהר.

צייטענווייז פלעגט די פאמיליע בע־
זוכען די דע־בריזעווילס און די דע־קאַ־
טעליערם. אבער צו זיי פלעגען נור דער
בירגער־מייסטער און דער דאָקטאָר קו־
מען רעגולער צו בעזוך. דיא קירכע האָט
זשאנע ניט בעזוכט, זינט דער פריסטער
האָט דער׳הרג׳עט מירזא׳ן און זינט דעם
שרעקליכען סוף פון זשוליאן און ניל־
בערטע: איהר חשד אין דאן געפאלען
אויף דעם גלח. זי איז געווען אויפגע־
בראכט. אז גאָט זאָל דאס האָבען אזעל־
כע שלוחים.

דער גלח, פאטער טאלביאק, פלעגט
אָפט פלוכען דעם שלאָס אין זיינע
דרשות, ערקלערענדיג, אז בייזע רוחות
האבען שליטה אויפ׳ן שלאָס. דער גייסט
פון ווידערשפעניגונג, דער גייסט פון
פאלשקייט און פערקריכען אין שלעכטע
וועגען, דער גייסט פון בייזהייט, פון
זינד און פערדאָרבענהייט, דיעזע אללע
רוחות האט ער צוגעשריעבען צו דעם
אלטען באראָן.

פאַקטיש איז די קירכע געווען
פוסט: אלע האבען זיא פערלאָזען; און
ווען דער גלח פלעגט געהן דורך די פעל־
דער, וואו די פויערים זיינען געווען בע־
שעפטיגט מיט אַקערען, האבען זיי זיך
אפילו ניט אבגעשטעלט צו רייהען מיט
איהם, און אפילו ניט א קוק געטאָהן אין
יענעם זייט און א נייג טאָהן זיך צו איהם
מיט א בעגריסונג. זיי האָבען געהאלטען
איהם פאר א מכשף, ווארום ער האט
ארויסגעטריעבען א רוח פון א פרוי.

ער האט געוואוסט אזעלכע אָבשפּרע־
כונגען, ווען מענשען אדער פיה ווערען
„געכאפט“, ווארום ער האט געהאלטען
אז פון טייפעל זיינען זיי דאָס
„געכאפט“ און דערפאר טרעפט דאס,
אז די קוה הויבט אָן צו געבען גאָר בלויע
מילך אדער דער עק ווערט ביי איהר
פערדרעהט. ער פלעגט מיט עטליכע צווי־
בער־ווערטער מאכען אז פערפאלענע זאַ־
כען זאלען זיך אומקעהרען צוריק, זאַ־
לען געפונען ווערען.

זיין ענגער, פאנאטישער שכל פלעגט
זיך ליידענשאפטליך פערטיעפען אין רע־
ליגיעזע ביכער, וועלכע האָבען געלערנט

וועגען די אונריינע כוחות פון טייפעל, דיא פערשיעדענע שפיצלאך, וואס דער טייפעל קען אבטאהן; ווי ער האט א שליטה דורך א שלעכטען קוק, דורך עין הרע. און אזוי ווי ער האט זיך איינגע־שמועסט, אז ער איז ספעציעל בערופען געווארען צו בעקעמפפען דיא געהיימע קרעפטען פון'ם שטן מקטרג, האט ער אויסגעלערנט אלע קמיעות און אלע אב־שפרעכונגען, וועלכע געפינען זיך אין די הייליגע ביכער.

צווישען די פויערים האט זיך פער־שפרייט א מין פחד פון זיין בעהאלטענע קראפט. אפילו זיינע חברים. די דארפ־שע גלחים, אונוויסענד ווי זיי זיינען גע־ווען און האבען מורא געהאט פאר'ן אשמדאי אזוי ווי פאר גאט אליין, און וועלכע זיינען אזוי צוטומעלט געווען פון דיא פארשריפטען פון תפילות צו גאט און פארשווערונגען פון טייפעל, אז זיי האבען צונויפגעמישט רעליגיאן מיט שווארצע קונצען מאכעריי, האבען גע־האלטען פאטער טאלביאק פאר א מין בעל־שם; און זיי האבען איהם רעספעק־טירט פאר זיין צויבער־קראפט און אויך פאר זיין שטרענג־פרומע אויפפיהרונג אין לעבען.

ווען דער גלח פלעגט בעגעגענען ווען זשאנען, פלעגט ער איהר קיין מאהל ניט בעגריסען דאס האט אבער זעהר גע־ערגערט די טאנטע ליזאן, איהר איינ־פאכע, שטילע נשמה האט עפעס ניט פערשטאנען, ווי אזוי קען מען דאס זיך האלטען אזוי ווייט פון דער קירכע. זיא איז געווען פרום און פלעגט בייכטען רעג־גולער לויט דיא קירכליכע פארשריפטען, אבער קיינער האט זיך דערמיט ניט אינ־טערעסירט און קיינער האט דערפון ניט געוואוסט.

ווען זיא פלעגט זיין אליין מיט פאולען, פלעגט זיא איהם מדריך זיין אין פרומקייט, פלעגט צו איהם ריידען פון גאט. ער פלעגט זיך צו הערען קינ־דערש נייגיעריג וועגען די וואונדערליכע מעשות ווי גאט האט בעשאפען דיא וועלט. זי פלעגט איהם זאגען:

—דו מוזט ליעבהאבען גאט דעם הארר.

טאנטע, וואו איז ער? — פלעגט ער א פרעג טאהן.

—דארטען, דארטען איז ער? — פלעגט ער א פרעג טאהן.

—דארטען, דארטען איז ער — פלעגט זיא איהם ענטפערן צייגענדיג מיט'ן פינגער צום הימעל — אבער דו טארסט אזעלכע זאכען ניט פרעגען.

זי פלעגט זעהר מורא האבען, אז דער באראן זאל דערפון ניט דערהערען. איין טאג האט „פאלעט“ ערקלעהרט, אז ער ווייס דאס גאט איז אומעטום נור ניט אין קירכע, און דער אינגעל האט אנגעהויבען הערצעהלען דעם זיי־דען וועגען די געטליכע מעשות, וואס די טאנטע דערצעהלט איהם.

ווען פאול איז אלט געווען א יאהר צעהן. האט זיין מוטער שוין אויסגעזע־הען אזוי ווי זיא וואלט אלט געווען א יאהר פערציג. ער איז געווען א שטאר־קער, געזונדער, קאכיגער אינגעל. פלעגט זיך קיין מאהל ניט אבהאלטען פון צו קלעטערן, שפרינגען, אבער ניט לערנען.

ווען זיינע שטודיען פלעגען איהם דערעסען, פלעגט ער גאר איינפאך אוועקלייגען דעם בוך און אויפהערען. יעדען מאהל, ווען דער זיידע פלעגט פאר זיינע אויגען האלטען א ביבעל לייננער פון געוויינליך, פלעגט זשאנע א זאג טהאן:

— נו, לאז דעם קינד שפיעלען זיך; מיר דארפען איהם אזוי פיעל ניט אויסמאטערן; ער איז נאך צו יונג.

איהר האט זיך אימער געדוכט, אז ער איז נאך ערשט אלע א יאהר אלט. זיא האט זיך קוים געקענט פארשטע־לען, אז „פאלעט“ קען דאס געהן, ארומ־לויפען, ריידען, שוין גאר א קליינער מענ־שעלע. און זיא האט געלעבט אין איין

זאָרג, טאָמער וועט ער זיך פארקיהלען חס חלילה, וועט מיעד ווערען צופיעל שפיעלענדיג אָדער וועט כאַפּען און איבריגען ביסען מעהר איידער זיין מע־גענלע קען פארטראָגען, אָדער טאָמער דערעסט ער ניט און ווען ער וואָלט גע־געסען נאָך א פּאָר ביסען וואָלט ער גע־וואַקסען קרעפטיגער נאָך.

ווען ער איז אלט געוואָרען צוועלף יאָהר, איז אָנגעקומען א הארבע שאלה. זיין ערשטער אבענדמאהל, ערשטע בע־העפטונג צו דער קירכע. און איין אין־דער־פריה איז ליזאָן געקומען צו זשאַנען און ערקלעהרט איהר, אז עס קען דאָך אזוי ווייטער ניט געהן; דער אינגעל איז שוין צוועלף יאָהר און ער האָט נאָך ניט ערהאלטען קיינע רעליגעזע בעלעהרונג און ער ערפילט ניט זיין ערשטע חיובים צו דער קירכע, ווען ער איז שוין דאָך א בר מצוה. זיא האָט גע'טענה'ט אויף אלערליי אופנים, האָט געבראכט פער־שיעדענע בעווייזע און א הונדערט ער־קלעהרונגען, אז זיא האָט רעכט און דער שטארקסטער בעוויז איז געווען: סטייטש, פרעג וואָס דיא שכנים, וואָס בעקאַנטע זאָגען.

זשאַנע האָט זיך אָבער נאָך אלץ מישב געווען, זאָגענדיג אז עס איז נאָך דאָ צייט גענוג צו טראכטען וועגען דעם, אָבער אין א חודש ארום, ווען זיי זיי־נען געווען אויף בעזוך ביי דער גרעפין דע־בירזעוויל, האָט דיזע דאַמע א פרעג געטהאָן זשאַנען זייט־וועגס, אויב דאָס איז ניט דער יאָהר אין וועלכען פּאָול ווערט בר מצוה און דארף שוין זיין צום הייליגען אבענדמאהל. זשאַנע האָט די־זע פראַגע ניט ערוואַרט. דאָס איז פאַר איהר געווען אזוי פּלוצלינג, אז זיא האָט געענטפערט:

—יא, מאַדאַם.

דערמיט איז שוין געווען דיא פראַ־גע געלייזט. ניט דערצעהלענדיג איהר פאטער וועגען דעם, האָט זיא געבעטען טאַנטע ליזאָן, זיא זאָל נעהמען דעם אינגעל אין זונטאג שוהל. אלעס איז גע־גאַנגען כשורה דעם ערשטען מאָנאט; אָבער איין פארנאכט איז פּאָולעט גע־קומען עפּעס הייזעריגלעך; אויף מאָרגען האָט ער אָנגעהויבען צו הוסטען. דיא בעזאָרגטע מוטער האָט איהם אָנגעהוי־בען אויסצופרעגען און האָט זיך דער־וואוסט, אז דער גלח האָט איהם געהיי־סען שטעהן ביים טהיר פון קירכע, אין א צוג־ווינד, דיא גאַנצע צייט פון זיין לעקציע, ווייל ער האָט זיך עפּעס פאר־שטיפט. זיא האָט איהם שוין מעהר ניט געלאָזען געהן און האָט אליין מיט איהם געלערענט דעם קאטעכיזם. אָבער פאטער טאלביאק האָט איהם דערפאר פון דאַן אָן ניט צוגעלאָזען צום אבענד־מאהל, זאָגענדיג אז ער האָט ניט גענוג רעליגיעזע אונטעררריכט און דערפאר קען ער איהם ניט צולאָזען. אומזיסט זיינען געווען טאַנטע ליזאָנס בקשות; דער גלח איז געבליבען ביי דאָס זיי־ניגע. א יאָהר איז אריבער און דעם צווייטען יאָהר איז ווידער געווען דאָס־זעלביגע. דער באַראָן איז דאַן געוואָרען אויפגעבראכט און האָט ערקלעהרט, אז מען דארף דאָס גאָרניט, מען קען אויס־קומען ניט גלויבענדיג אין דיא אלע דומ־הייטען, און עס איז ניט נויטיג צו באַ־העפטען זיך צו גאָט אָדער צום הייליגען גייסט, געהן צו אבענדמאהל אום צו זיין אָן אָרענטליכער מענש; מען קען זיין אָרענטליך אָהן דעם אויך.

זיי האָבען דארום בעשלאָסען צו ערציהען איהם טאקע אלס א קריסט, אָבער ניט דוקא אלס אָן אָרטאָדאָקסאַ־לער קאטאָליק, און ווען ער וועט זיין רייף אין יאָהרען וועט ער אליין אויס־וועהלען זיין גלויבען. אין א קורצער צייט ארום האָט זשאַנע באמערקט, אז נאָך איהרען א בעזוך צו דיא דע־ביר־זעווילס, האָבען זיי איהר ניט בע־צאהלט מיט זייער בעזוך, וויא דער שטייגער איז געווען אימער. וויסענ־דיג וויא איהרע נאַכבאַרען האלטען שטארק פון עטיקעטע, האָט זיא זיך געוואונדערט וויא אזוי דאָס קומט, אז זיי צאהלען ניט צוריק מיט א וויזיט; אָבער דיא מארקיזע דע־קאטעליער האָט איהר באלד געעפענט דיא אויגען; זיא האָט מיט גדלות איהר ערקלעהרט דיא

אורזאכע, פאר וואס דיא שכנים ווילען
זיא מעהר ניט בעזוכען.

דיא מארקיזע דע־קאטעליער האט
זיך גערעכענט, לויט איהר מאן'ס הוי־
כען שטאנד, זיין גרויסען טיטול, זייער
אונגעהייערע רייכקייט, פאר א מין קע־
ניגין פון דער נארמאנישער אריסטאָ־
קראטיע. זיא האט געהערשט וויא א
ווירקליכע קעניגין. זיא האט געקוקט
מיט גדלות אויף אימיצען אדער האט
איהם בעעהרט מיט א מילדען בליק,
נאך דיא אומשטענדען, וויא עס האט
זיך צו א בעשטימטע צייט געפאָדערט.
זיא האט גע'מוסר'ט אדער פריינדליך
גראטולירט ; עס ווענדט זיך וויא עס
האט געפאסט צום רומעל.

ווען זשאנע האט איהר אבגעשטאַ־
טעט איצט א בעזוך האט דיא גרויס־
ארטיגע דאמע, נאך עטליכע פערפראַ־
רענע בעמערקונגען א זאג געטהאן טרו־
קען :

— דיא געזעלשאפט איז צוטהיילט
אין צוויי קלאסען : איין קלאס זיינען
דיא מענשען, וועלכע גלויבען אין גאט
און דער אנדערער דיא וואס גלויבען
ניט אין גאט. מענשען פון ערשטען
קלאס, וויא קליין זיי זאלען ניט זיין,
וויא ארעם, בעטרעכטענען מיר פאר אונ־
זערע פריינד, און דיא אנדערע זיינען
פאר אונז גארנישט.

זשאנע האט גלייך דערפיהלט דעם
אנגריף און האט געענטפערט :

— קען מען דען ניט גלויבען אין
גאט ניט געהענדיג אין קירכע ?

— ניין, מאדאם. גוטע קאטאָלי־
קען געהען דינען גאט אין קירכע, וויא
זיי געהען בעזוכען מענשען אין זייער
הויז — האט געענטפערט דערויף דיא
מארקיזע.

— גאט איז אבער אומעטום —
האט געענטפערט א געטראָפענע זשאַ־
נע — און איך, מאדאם, וועלכע גלויב
אין הארצען אין גאטס בארמהערציג־
קייט, פיהל ניט, אז גאט איז דארט
וואו געוויסע גלחים זיינען אין מיטען
צווישען מיר און איהם.

— דיא פריסטער טראגען דעם
באנער פון דער קירכע, מאדאם —
האט זיך אויפהאיבענדיג געזאגט דיא
מארקיזע — ווער עס פאלגט ניט נאך
דיעזען באנער איז א געגנער פון דער
קירכע און פאלגליך אויך אונזערער א
געגנער.

זשאנע האט זיך אויך אויפגעהוי־
בען, ענטפערנדיג :

— מאדאם, איהר קענט זיך
גלויבען אין א פארטייאישען גאט. איך
גלויב אין גאט פון גערעכטיגקייט.

זיא האט זיך פערנייגט איינפאך
און איז ארויס.

אבער אויך דיא פויערים האבען
אנגעהויבען מורמלען צווישען זיך און
בארייידען זיא פאר וואס דער יונגער
אינגעל ווערט ניט געשיקט צום אבענד־
מאהל אין דער קירכע. אמת, זיי
אליין זיינען ניט געגאנגען צו אבענד־
מאהל, ווייל זיי האבען אויסגעהאלטען
א מין חרם געגען גלח. אבער דיא
קינדער איז דאך אן אנדער זאך. יע־
דערער פון זיי וואלט זיך אבשרעקען
פאר'ן געדאנק צו ערציהען א קינד
אהן גאטעס־פורכטיגקייט, ווארום וויא
דיא מעשה זאל ניט זיין, רעליגיאָן איז
רעליגיאָן.

זשאנע האט געוואוסט וויא קרום
זיי קוקען דערויף און איז געווען אויפ־
געבראכט פאר דיעזע היפאקריטסט־
ווא פאר דער פייגהייט זייערע,
וואס זיי האבען אלץ מורא וואס
אנדערע וועלען וועגען דעם מיינען, פאר
דיזער פייגהייט וועלכע עס איז אין זייער
אלעמענס הערצער, פאר זייער פערמאס־
קירטהייט ווען זיי ווייזען זיך פאר אנ־
דערע.

דער באראן האט גענומען אין זיינע
אייגענע הענד פאולס ערציעהונג. ער
האט מיט איהם אנגעהויבען לערנען לע־
טיין. אבער דיא מוטער פלעגט יעדען
מאהל געפינען אלץ פאר נויטיג צו זאָ־
גען איהר פאטער :

— דיא הויפט־זאך איז ניט צו פער־
מאטערן דאס קינד, מאטע.

דער באראן האט איהר פערבאטען

אריינצוקומען אין צימער, וואו זיא פלעגט יעדען מאהל איבערשלאגען אין מיטען לערנען מיט פערשיעדענערליי פראגען וועגען זיין געזונד:

— פיהלסט דו ניט קאלט אין דיא פיסעלעך, פאולעט? אדער: טהוט דיר ניט וועה היינט דאס קעפעלע, פאולעט?

אמאל פלעגט זיא גאר איבערשלאגען דעם לעהרער אין מיטען, זאגענדיג:

— טאטע, היים איהם ניט אזוי פיעל איבערזאגען, עס ווערט דאך איהם טרוקען אין האלז.

דער בראַון האט איהר דארום פערבאטען אריינצוקומען בשעת'ן לערנען און זיא האט זיך געמוזט צופריעדען שטעלען מיט ארומטאנצען נאהענט פון קלאס-צימער און צוהערען זיך בעזארגטערהייט.

וויא נור פאול פלעגט זיין פארטיג מיט זיין לעקציאן פלעגט ער מיט דער מוטער און מיט דער טאנטע געהן אין גארטען. זיי האבען אלע ליעבע בעקומען צו גארטנעריי, און זאלבעדריט פלעגען זיי אין פריהלינג פערפלאנצען יונגע בוימעלאך, האבען פערזעעט זאמען, וועלכע זיי פלעגען אבהיטען און נאכקוקען יעדען טאג וויא עס וואקסט; פלעגען ארומשניידען דיא קוסטעס, געשניטענע בלומען, געפלאכטען קראנצען, געמאכט בוקעטען.

פאול'ס גרעסטער פערגעניגען איז געווען צו קולטיווירען פערשיעדענע מינים סאלאד; ער האט געהאט פיער בעזונדערע גרויסע בעטען, אין וועלכע ער האט פארזעעט ראמענעס, לעטוס, עסקאראלס און אלערליי אנדערע מינים פון סאלאד. ער האט געזעעט, ארומגעגראבען, בעגאסען און געטאהן אלעס וואס עס איז נויטיג, אז זיי זאלען ארויסקומען געראטען. זיין מוטער פלעגט איהם העלפען און פלעגט הארעווען ווי אן ארבייטער-פרוי. שטונדען לאנג פלעגען זיי קריכען אויף דיא קניע אין דיא בעעטען, פערשמירען דיא קליידער, דיא הענד אריינצוזעצען דיא ווארצלען אין דיא לעכער, וואס זיי פלעגען מאכען אין דער ווייכער ערד מיט זייערע פינגער.

פאול איז שוין אלט געווען באלד פופצעהן יאהר און איז געוואקסען הויך; דיא אויסגעקריצטע סמנים אין פריטעלקע פון טיהר פון זאאל האבען שוין געוויזען 63 אינטשעס, אבער לויט שכל איז ער געווען נאך א קינד, אונוויסענד און נארריש; ער איז צופיעל געפעשטשעט געווארן פון דיא צוויי פרויען און פון זיין זיידען, וועלכער איז געווען ניט פון זיין צייט.

ענדליך האט אין איין אבענד דער בראַון אויסגערעדט זיך וועגען א האכשולע. זשאנע האט אנגעהויבען באלד צו וויינען און טאנטע ליזאן האט זיך בעהאלטען אין א ווינקעל.

— אויף וואס דארף ער אזוי פיעל בילדונג? — האט געפרעגט דיא מוטער. מיר וועלען איהם בעסער מאכען פאר א גוטבעזיטצער, פאר א לאנד-אייגענטהימער. און ער וועט זיך באשעפטיגען מיט זיינע גיטער וויא פיעלע פריצים צולאנד. ער וועט לעבען גליקליך און וועט לעבען ביז'ן טיעפען עלטער דא אין זעלביגען הויז, וואו עס האבען געוואהנט זיינע עלטערן פאר איהם, און וועלען מסתמא שטארבען אויך דא. וואס נאך דארף מען דען?

אבער דער זיידע האט געטרייסעלט מיט'ן קאפ:

— און וואס וועסטו זאגען ווען ער וועט אלט ווערן פינף און-צוואנציג יאהר און וועט צו דיר קומען און זאגען: „מאמע, איך בין אויסגעוואקסען א גארנישט איבער דיר, איבער דיין מוטערליכע אייגענליעבע. איך בין אונפעהיג צו ארבייטען, צו ווערן עפעס א טיכטיגער מענש, און אין דערזעלבער צייט בין איך דאך ניט ערצויגען געווארען צו אזא אונ-

וועלכען דוא האָסט מיך פעראורטיילט איבער דיין קורצזיכטיגע ליעבע."

זשאַנע האָט זיך אָבער בלויז שטאַרק צוואוויינט, האָט געווישט איהרע אויגען און האָט זיך געווענדעט צום אינגעל:

— זאָג מיר, פּאולעט וועסטו מיר קיין מאָל ניט מאַכען קיין פאָרוואורף פאר וואָס איך האָב דיך צופיעל געליעבט? זאָג מיין קינד.

— ניין, מאַמאַ! — האָט דער הויכער יונג געענטפערט און איבערראַשטער.

—וועסט דו שווערען, אז דו וועסט ניט?

— יא, מאַמאַ.

— ווילסטו ניט בעסער דאָ בלייבען?

— יא, מאַמאַ.

אָבער דער זיידע האָט גערעדט איצט פעסטע דבורים:

—— זשאַנע דוא האָסט קיין רעכט ניט צו זאָגען א דעה, וואָס פאר א לעבען זיינער זאָל זיין. דיין האַנדלונג איז דיא האַנדלונג פון א פּייגלינג און עס איז פערברעכעריש, דוא אָפּפערסט מיט דיין זוהן פון דיין אייגענעם גליק וועגען.

דיא מוטער האָט פערדעקט מיט ביידע הענד דעם פּנים און האָט ביטערליך געשלוכצעט, פול מיט קאָנוואולסען.

— איך בין געווען אזוי אונגליקליך. אזוי אונגליקליך!... און איצט ווען איך האָב אביסעלע גליק אין לעבען, ווילסט דוא אוועקנעהמען מיין קינד פון מיר. וואָס וועט פון מיר ווערען... בלייבען אַן עלענדע?

איהר פאָטער האָט זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאַנגען צו איהר, און אריינגעהמענדיג זיא אין זיינע אָרעמס, האָט ער צערטליך געמורמעלט:

— און אויף מיר האָסט דוא גאָר פאַרגעסען, זשאַנע?

זיא האָט אַנגענומען זיין האַלז און האָט איהם געקוסט מיט ליעבשאַפט; זיא האָט געדאַרפט מאַכען אַן אנשטריינגונג צו קענען ריידען:

— יא, דוא ביסט אפשר גערעכט... פאָטער... געוויס, עס איז פון מיין זייט זעהר נאַריש... אָבער איך האָב אזוי פיעל געליטען. איך שטים איין שוין, זאָל ער געהן אין קאָלעדזש.

ניט וויסענדיג וואָס זיין שיקזאַל וועט זיין האָט זיך שוין איצט פּאולעט צוואוויינט. נו האָבען איהם דיא „דריי מאַמעס" געקוסט, געלאַשטשעט און געטרויסט, ערמוטהיגט. ווען זיי זיינען געגאַנגען אין זייערע צימערען שלאָפען, האָט זיך יעדערער פון זיי געגוג אויסגעוויינט, זייערע הערצער זיינען געווען בעלאַדען, אפילו דער באַראָן אליין אויך, און זיי האָבען נאָס געמאַכט זייערע צוקאָפּענס מיט טרעהרען דיזע נאַכט.

זיי האָבען בעשלאָסען צו שיקען דעם יונגען מאַן קיין האַוור אין קאָללעדזש אין אַנהויב פון ווינטער טערמין, דעם גאַנצען זומער האָט מען איהם דערפאַר נאָך מעהר געצערטעלט און צולאָזען געמאַכט נאָך מעהר איידער פריהער. זיין מוטער פלעגט אָפט א פאַרציטערטע ווערען, ווען זיא פלעגט זיך דערמאָהנען, אז עס וועט קומען דיא צייט ווען זיא וועט זיך מוזען מיט איהם שיידען.

זיא האָט איהם אַנגעגרייט גענוג וועש, וואָס האָט געקענט קלעקען פאר א צעהן־יאָהריגע נסיעה לכל הפחות. און דאַן, איין פריה־מאָרגען אין אָקטאָבער איז איינגעשפּאַנט געוואָרען דיא פאַמיליען־קאַרעטע און דיא צוויי פרויען מיט דעם אַלטען זיינען געפאָהרען מיט פאר־לטען, געפיהרט איהם קיין האַוור אין קאָללעדזש.

שוין מיט א צייט פריהער זיינען זיי געפאָהרען אויסקלייבען פאר איהם א פּלאַץ אין דעם וואָהנונג פון דיא שילער און דעם פּלאַץ פאר איהם אין קלאַסס־צימער. און ווען זיי זיינען איצט אַנגעקומען האָבען זשאַנע מיט טאַנטע ליזאַן

פערבראכט א גאנצען טאָג אין איינליי־
גען זיינע זאכען אין אָרדנונג אין דעם
קליינעם אלמער און אין דיא שופלאָדען.
ווארום מעהר וויא א פערטעל פון דיא
אָנגעגרייטע זאכען האָבען ניט געקענט
אריין. זיין מוטער איז געגאנגען
צום דירעקטאָר און געבעטען מען זאָל
פאר איהם אָבלאָזען נאָך א קאַמאָד.

א שוהל־בעאַמטער איז אריין
און האָט ערקלעהרט, אז אזא מאַסע
אונטערוועש און אנדערע זאכען זיינען
איבעריג ; אזוי פיעל קען מען קיין
מאָל ניט געברויכען און דאָס וועט נור
זיין אין וועג און אָנמאכען צופיעל עסק.
ער האָט אָנגעוויעזען אויף דיא רעגעלן
פון דער שוהל און אז ער קען ניט אָב־
לאָזען נאָך א שראַנק.

זשאַנע איז געווען ענטוישט און
זיא האָט בעשלאָסען צו דינגען א צי־
מער אין א נאָהענטע אכסניא אום צו
האָבען וואו צו האלטען דיא איבעריגע
זאכען. זיא האָט דעם בעל הבית אָנ־
געזאָגט, אז דער אינגעל זאָל קענען
נעהמען אלעס, וואָס ער וועט נור גע־
פינען פאר נויטהיג.

ווען זיי זיינען געווען פארטיג,
זיינען זיי אלע אוועק שפּאַציערען צום
האפען וויא דיא שיפען זעגלען אָב אין
ים. דער פארנאכט האָט זיך טרויעריג
ארונטערגעלאָזען אויף דער שטאָדט,
און אייניציגווייז האָבען לאנטערנעס אָנ־
געהויבען צו שימערען אין דער דונקעל־
הייט. זיי האָבען גענומען א מאהל־
צייט אין א רעסטאָראַן, אָבער קיינער
פון זיי האָט ניט געהאַט אין זינען קיין
עסען; זיי האָבען געקוקט איינע
אויף דיא אנדערע מיט פייכטע אויגען
אין דער צייט וואָס דער דינער האָט
געשטעלט דיא געריכטען אויפ'ן טיש ;
ער האָט געמוזט צונעהמען פון טיש
אזוי וויא ער האָט ארויפגעשטעלט,
קיינער פון זיי האָט זיך ניט צוגעריהרט
צו קיין שפּייז.

און דאַן זיינען זיי אוועק אין שוהל.
קינדער פון פערשיעדענעם געוואוקס
זיינען אָנגעקומען פון אלע זייטען, בע־
גלייט פון זייערע עלטערען, קרובים און
דינער. פיעלע פון זיי האָבען געוויינט.
אין דעם גרויסען, דונקעל בעלויכטע־
נעם הויף האָבען זיך פון אלע זייטען
געהערט פערשטיקטע שלוכצען.

זשאַנע און פאולעט זיינען א לאַנ־
גע צייט געבליעבען ארומגענומען, קו־
סענדיג זיך. טאַנטע ליזאָן איז גע־
שטאַנען פון הינטען דאָס געזיכט איינ־
געגראָבען אין א טאַשענטוך ; וועגען
איהר האָט מען פערגעסען, וויא אי־
מער. אָבער דער באַראָן, וועלכער
האָט שוין אויך מעהר ניט געקענט
קאָנטראָלירען זיינע געפיהלען,
האָט איצט געזעהען, אז דאָס זאָל צו־
געהען שנעלער, מאַכען א סוף.

דיא קאַרעטע האָט געוואַרט לעבען
טויער ; טאַנטע ליזאָן, זשאַנע און
דער באַראָן זיינען אריין ענדליך אין
קאַרעטע און זיי זיינען ענדליך אָבגע־
פאָהרען צוריק אהיים. יעדע ווילע
פלעגט זיך אין דער פינסטערנעס פון
דער נאַכט ארויסרייסען א פערשטיק־
טער שלוכצען, דאָס פון איינעם, דאָס
פון אנאנדערען.

אויף מאָרגען האָט זשאַנע א גאַנ־
צען טאָג געוויינט. אויף איבערמאָר־
גען האָט זיא געלאָזט שפּאַנען די פערד
און איז געפאָהרען קיין האַוור. עס
האָט געשיינט, אז ביי פאָולעט איז
שוין רעכט געוואָרען דיא שיידונג. דעם
ערשטען מאָל אין זיין לעבען האָט ער
דאָס געפונען חברים, און זיין לוסט
צו שפּיעלען מיט זיי איז געווען אזוי
שטאַרק, אז ער האָט אפילו אויף קיין
ווילע ניט געוואָלט בלייבען זיצען, ווען
דיא מאַמע פלעגט קומען.

אלע צוויי טעג פלעגט זשאַנע קו־
מען איהם בעזוכען און אויף זונטאָג
פלעגט זיא איהם נעהמען ארויספאָהרען.
זיא פלעגט בלייבען זיצען אין די לעהר־
שטונדען אין עמפפאַנג־צימער, וואַ־
רום זיא פלעגט ניט האָבען קיין האַרץ
אוועקצופאָהרען פון איהם. דער די־
רעקטאָר פלעגט ענדליך אריינקומען און
פלעגט איהר בעטען, אז זיא זאָל ניט
אזוי אָפט באַזוכען איהר זוהן, ווייל

דאָס שאַדט צו זיין לעהרנען. אָבער זיא האָט ניט געקוקט אויף דיעזע פאָ־דערונג.

אָבער עס איז דערגאַנגען אזוי וויט, אז ער האָט זיא געוואָרענט שוין, אויב זיא וועט ניט אויפהערען אזוי אָפט קומען צו בעזוך וועט ער געצוואונגען זיין אוועקצושיקען איהר זוהן פון שוהל, ווייל זיא שטערט איהר אין זיין לעהרנען און אין זיין שפיעלען זיך מיט דיא איבעריגע. דער דירעקטאָר האָט אויך אָנגעשריעבען ווע־גען דעם עטליכע ווערטער צו דעם באַ־ראָן. זיי האָבען דארום זיא געהיט אין דיא פאַפּעל־בוימער און ניט געלאָ־זען זיא אזוי אָפט פאָהרען צו בעזוך אין קאָלעדזש. זיא האָט אָנגעהויבען צו וואַרטען מיט דער גרעסטער בע־זאָרגטקייט איצט אויף דער וואַקאַנציע־צייט, ווען מען לאָזט אָב דיא שילער אויף איינינגע צייט אהיים.

א שטענדיגע אונרוהיגקייט האָט זיך איינגענעסט אין איהר נשמה. זיא האָט רוהיג ניט געקענט איינזיצען. זיא האָט אָנגעהויבען לאַנג ארומצוגעהען אין דיא פעלדער און איהר איינציגער בעגלייטער איז געווען דער הינטעל „הריגה". זיא פלעגט מאַנכע טעג דעם גאַנצען טאָג זיין דרויסען, פלעגט זי־צען אויף דעם פעלזען־בּרעג דעם גאַנ־צען נאָכמיטאַג און קוקען אויפ'ן ים, אָדער זיא פלעגט שפּאַציערען קיין אי־פאָרט אויף דעמזעלבען וועג דורכ'ן וואַלד אויף וועלכען זיא פלעגט געהען ווען זיא איז נאָך געווען א מיידעל.

וויא לאַנג צוריק דאָס איז אלעס גע־ווען! וואָס פאַר אן אונגעהייער לאַנ־גע צייט עס איז אריבער זינט זיא איז געווען א יונגע מיידעל און זיא האָט געשפּאַצירט דאָ צו לאַנד צווישען דיא לאַנקעס, טרוימענדיג און בויענדיג לופט־שלעסער.

יעדען מאָל, ווען זיא פלעגט דערזעהען איהר זוהן, האָט דאָס איהר אויסגעזעהען אקוראַט וויא זיא וואָלט איהם שוין צעהן יאָהר ניט געזעהען. פון מאָנאַט צו מאָנאַט איז ער געוואַק־סען אלץ מעהר עהנליך צו אן ער־וואַקסענעם מאַן און פון מאָנאַט צו מאָ־נאַט איז זשאַנע געוואָרען אלץ מעהר עהנליך צו אן אלטע פרוי. איהר פאָ־טער האָט מעהר אויסגעזעהען וויא איהרער א ברודער און טאַנטע ליזאָן, וועלכע האָט זיך ניט געעלטערט, וואָ־רום צו פינף און צוואַנציג יאָהר איז זיא שוין געווען א פאַרוועלקטע, האָט אויסגעזעהען בלויז אזוי וויא איהרע אן עלטערע שוועסטער.

פּאולעט האָט ניט זעהר שווער געארבייט; איהם איז געלונגען וויא עס איז דורכצושלעפּען דיא ערשטע צוויי יאָהר, ניט אזוי ערפאָלגרייך, און ווען ער איז אלט געוועזען צוואַנציג יאָהר איז ער נאָך געווען אין קלאַס פון רהעטאָריק.

ער איז אויסגעוואַקסען א הויכער, בלאָנדער בחור שוין מיט וואָנצינקלעך, און ער פלעגט שוין איצט אליין קומען אין פאַפּעל־בוימער יעדען זונטאָג. ער האָט זיך געלערענט רייטען זינט ער איז נאָך געווען א אינגעל, און ער פלעגט נור דינגען א פערד און אין צוויי שטונדען צייט פלעגט ער קומען צו ריי־טען אין פאַפּעל־בוימער.

זשאַנע פלעגט אויפשטעהען זעהר פריה אום צו געהען באַגעגענען איהם, און ליזאָן מיט דעם באַראָן פלעגען מיט איהר מיטגעהען. דער אלטער איז אלץ מעהר איינגעבויגען געוואָרען און פלעגט שוין געהן ווי א שוואַכער, ענט־קרעפטיגטער אלטער מאַן, מיט זיינע הענד אהינטער, אזוי וויא אויפצו־האַלטען זיך פון בויגען זיך פאָראויס. זיי פלעגען אזוי לאַנגזאַם געהען אין דער ליינג פון וועג און צוזעצען זיך פון וויילע צו וויילע אויף א זייט פון וועג, ווען זיי זיינען נור מיעד געוואָ־רען, אָבער מיט דיא בליקען אלע מאָל אויסגעשטעלט אויפ'ן וועג, פון וואַנען עס דאַרף אָנקומען דער יונגער ריי־טער.

אזוי ניך וויא זיי פלעגען איהם דערזעהען פון ווייטען, ווען ער האָט זיך נור געזעהען וויא א שוואַרצע פינ־

טעל אין דער ווייטענס, האָבען שוין דיא דריי געפּאַכטעט מיט זייערע טאַ־שענטיכער. דאַן פלעגט ער אַנהויבען גאַלאָפּירען אויף זיין פערד און פלעגט צוטראָגען זיך צו זיי וויא א ווינד. זיין מוטער און זיין טאַנטע פלעגען אַלע מאָהל ציטערן דערביי, ווען זיי האָבען געזעהען וויא קונציג ער רייט; זיי פלע־גען זיך טרויסלען אין איין שרעק, עס זאָל מיט איהם וואָס ניט פּאַסירען, און דער זיידע פלעגט ווערען בעגייסטערט דערפון און ליבען איהם פאר זיין בריה׳שקייט.

ניט קוקענדיג דערויף וואָס פּאָול איז געווען מיט א קאָפּ העכער פון זיין מוטער, האָט זיא זיך אַלע מאָהל צו איהם בענומען וויא ער וואָלט געווען א קליינער אינגעל. זי פלעגט קענען איהם מאַכען אַזאַ באַמערקונג:

— איך האָף, אַז דיר איז ניט קאַלט אין דיא פיסעלעך, פּאָולעט?

ווען ער פלעגט ארויס נאָך פריה־שטיק דרויסען אויפן גאַניק צו רויכערן א פּאַפּיראָס, פלעגט זיא אַן עפען טהאָן דיא פענסטער און גליך איהם בעטען:

— פּאָולעט, זעה, געה ניט ארויס אָהן א היטעל, דו קענסט זיך נאָך פער־קיהלען.

און זיא פלעגט א פּערציטערטע ווערען, א פערזאָרגטע, ווען עס פלעגט קומען דער פארנאכט און ער פלעגט זיך זעצען רייטענדיג אויפן פערד אום צו פאָהרען צוריק אין שטאָדט.

— רייט ניט אזוי שנעל, פּאָולעט — פלעגט זיא זיך ביי איהם בעטען — פארגעס ניט, האָב רחמנות אויף דיין עלענדער מאמען, וועלכע וועט ניט אריי־בערטראָגען, אויב מיט דיר זאָל חלילה וואָס פּאַסירען, מיין קינד.

איין שבת אין דער פריה האָט זיא ערהאַלטען א צעטעלע פון פּאָולעט׳ן אין וועלכען ער האָט איהר געמעלדעט אז ער וועט מאָרגען ניט קענען קומען זעהן זיך מיט זיי, ווייל אייניגע פון זיינע חברים האָבען אררענזשירט אן אויספאָהר און האָבען איהם איינגעלאַ־דען ער זאָל זיך אויך בעטהייליגען,

איהר גאַנצער זונטאַג איז געווען א טרויעריגער, זיא איז געווען געמאַ־טערט, געפייניגט אזוי וויא זיא וואָלט פיהלען אַז עפּעס אַן אונגליק וועט פּאַ־סירען; ווען עס איז געקומען דאָנער־שטאַג האָט זיא שוין מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען, וויא איז געפּאָהרען קיין האַוור; נאָך איין טאָג אפילו האָט זיא שוין ניט געקענט איבערטראָגען.

איהר האָט אויסגעוויזען, אַז פּאָו־לעט האָט זיך געענדערט. זיא האָט אפילו ניט געוואוסט בעשטימט, אין וואָס בעשטעהט דיזע ענדערונגען. ער איז עפּעס געווען, לעבעדיגער, מונטע־רער און האָט גערעדט מיט א טיעפערער שטימע.

און פלוצלינג האָט ער א זאָג גע־טהאָן, אזוי וויא דאָס וואָלט געווען דיא נאַטירליכסטע זאַך אין דער וועלט:

— גוט, מאַמא. אזוי וויא דו ביזט דאָך שוין היינט געקומען אַהער, וועל איך זונטאַג ניט דארפען פּאָהרען קיין פּאַפּעל־בוימער, ווארום מיר האָבען דעם זונטאַג אויך אַן אויספּאָהר.

זיינע ווערטער האָבען איהר גע־טראָפען וויא א דונער־שלאַג און זיא האָט זיך געפיהלט אזוי פערלאָרען, אזוי נידערגעשלאָגען וויא ער וואָלט איהר אָנגעזאָגט א בשורה, אַז ער פּאָהרט אוועק אין מרחקים. און דער־נאָך, ווען זיא איז געקומען צו זיך און האָט שוין געקענט ריידען, האָט זיא אויסגעשריען:

— אָ, פּאָולעט, וואָס איז מיט דיר? זאָג מיר, וואָס איז דיר געוואָרען?

אָבער ער האָט זיך נור צולאַכט און קושענדיג זיא, האָט ער א זאָג גע־טהאָן:

— קיין זאַך ניט, מאַמא, וואָס איז דען? איך געה נור האָבען אביסעל פערגעניגען מיט מיינע פריינד. דאָס איז אַלעס.

זיא איז געבליבען אָהן ווערטער; זיא האָט ניט געפונען אפילו וואָס צו זאָגען איהם, און ווען זיא איז געפּאָהרען צוריק אַליין א היים אין איהר קאַ־

רעטע, האָבען זיך זאָנדערבארע געדאַנקען אופגעהויבען ביי איהר אין קאָפּ.

דאָס איז שוין ניט איהר פּאָולעט, איהר קליינינקער פּאָולעט פון דיא אַמאָליגע יאָהרען. ערשט איצט צום ערשטען מאָהל האָט זיא זיך נעכאפּט אז ער איז שוין אַן ערוואקסענער מאַן, אז ער איז שוין אוועק ווייט פון איהר און פערלאַנגט שוין צו לעבען זיין אייגענעם לעבען און ניט זיין גשעטערט פון דיא אלטע ביי זיך אין דער היים.

עפּעס אזוי וויא אין איין טאָג וואָלט ער געוואָרען איצט פאר איהר אַן אַנדערער. וויא? איז דאָס דען געווען

איידער אייגענער זוהן, איהר קינד, איהר קליינינקער אינגעלע, וועלכער פלעגט וועלען אז דיא מאַמע זאָל מאַכען לעכער אין זיין גערטעלע און ער זאָל קענען איינפלאַנצען סאלאַטע? ניין, דאָס איז אַ הויכער מאַן שוין מיט אַ באָרד, וועלכער האָט זיין אייגענעם שטריינגען ווילען.

אין דיא קומענדע דריי מאָנאַטען פלעגט פּאָול זעלטען קומען אין פּאַפּעלבוימער, און יעדען מאָהל ווען ער פלעגט קומען, איז ער געווען אין אימפּעט אין איילעניש, פלעגט שוין וועלען וואָס גיכער פאָהרען צוריק. און יעדען מאָהל פלעגט ער זוכען צו געפינען עפּעס אַן אויסרייד פאר וואָס ער דארף אוועק אזוי פריה.

זשאַנע איז דערפון געווען שטארק צוטראָגען, אָבער דער באַראָן פלעגט זי טרויסטען:

— לאָז איהם, זשאַנע, עסס זיך ניט אָב דאָס הארץ, מיין טהייערע, א יונגער בחור מוז זעען זיינע ווילדע זאַמען.

אָבער אָט האָט איין פריהמאָרגען אַן ארעם געקליידעטער מאַן, ריידענדיג מיט אַ דייטשען אקצענט נאָכגעפרעגט זיך, וואו איז דיא „מאַדאַם גרעפין". נאָך לאַנגען פערנייגען זיך און שטאַמלען האָט ער ארויסגענומען פון קעשענע אַ פערשמאָלצענע פּאַפּיערעל, זאָגענדיג:

— איך האָב אַ צעטעלע פאר אייך.

און ער האָט איהר דערלאַנגט דאָס שטיקעל פּאַפּיער.

זיא האָט איבערגעלעזען, נאָך אמאָל געלעזען, האָט אָנגעקוקט דעם אידען, האָט דערנאָך ווידער איבערגעלעזען און האָט אַ פרעג געטהאָן:

— וואָס מיינט דאָס?

דער מאַן האָט זיך ווידער פערנייגט און האָט געענטפערט:

— איך וועל אייך ערקלעהרען. אייער זוהן האָט געדארפט אביסעל געלד. נו, אזוי וויא איך האָב געוואוסט, אז איהר זייט אַ גוטע מוטער, האָב איך איהם געליהען אביסעל געלד וואָס ער דארף אויף דער הוצאה.

זשאַנע האָט געשווידערט:

— אָבער פאר וואָס איז ער ניט געגאַנגען צו אייך, פאר וואָס איז ער ניט געקומען צו מיר?

דער איד האָט אָנגעהויבען געבען לאַנגע ערקלעהרונגען וועגען א חוב פון קארטען, וועלכער איז גערעכענט פאר אַן עהרען־שולד און מען מוז דאָס דעקען גלייך אויף מאָרגען פאָרמיטאַג. ער האָט נאָך דערביי געמאַכט דיא באַמערקונג, אז פּאָול איז דאָך נאָך גאָר אַ מינדערי עהריגער און קיינער וואָלט איהם קיין געלד ניט געליהען. דאָס וואָלט דאָך קאָמפּראָמעטירען זיין עהרע, האָט ער דען ניט געטהאָן א טובה וואָס ער האָט איהם אויסגעבאָרגט דאָס ביסעל געלד.

זשאַנע האָט געוואָלט אַ רוף טהאָן דעם באַראָן, אָבער זיא האָט זיך שוין ניט געקענט אַ הויב טהאָן פון פלאַץ אזוי האָט דאָס צוטרויסעלט איהרע נערוועין. ענדליך האָט זיא געבעטען דעם פּראָצענטניק, ער זאָל אזוי גוט זיין און אָנקלינגען.

מורא האָבענדיג אז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט און אז מען וויל דאָ אונטערשטעלען עפּעס אַ פּאַסטקע האָט דער מאַן אָנגעהויבען צו שטאַמלען.

— אויב עס איז אייך אונאַנגענעהם, מאַכט ניט אויס, קען איך קומען אַן אַנדערש מאָהל.

זשאַנע האָט אָבער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און דאָס האָט איהם פעי־

זיכערט, אז ער האָט ניט וואָס מורא צו האָבען. ער האָט אָנגעקלונגען; און ניט ריידענדיג מעהר האָבען זיי ביידע געוואַרט אויף דעם בראַון׳ס אריינקומען.

ווען דער בראַון איז אריין האָט ער מיט איין קוק שוין פערשטאַנען וואָס דאָ טהוט זיך. דער אָנווייזונג איז געווען אויף פופצעהן הונדערט פראַנק. ער האָט גלייך אָוועקגעלייגט טויזענד און קוקענדיג דעם אידען שארף אין די אויגען, האָט ער אַ זאָג געטהאָן:

— מעהר זאָלט איהר קיין מאָהל ניט קומען.

דער מאַן האָט זיך פערניינט, האָט אָבגעדאַנקט און איז אוועק.

גלייך איז די מוטער מיט׳ן זיידען געפאָהרען קיין האַוור, אָבער ווען זיי זיינען אריין אין שוהל, האָט מען זיי געזאָגט, אז פּאָול האָט זיך שוין צייט אַ מאָנאַט ניט געוויזען אין קאָלעדזש. דער דירעקטאָר האָט אונטער דער צייט בעקומען פיער בריעף פון פּאָולס מוטער, ערקלערענדיג אז דער איינגעל איז קראַנק און דאַן אז ער ווערט בעסער, און אז דארום קען ער ניט קומען אין שוהל. אין יעדען בריעף איז אויך געווען אַ בעזונדער בעשטעטיגונג פון אַ דאָקטאָר וועגען דעם צושטאַנד פון דעם קראַנקען.

זעלבסטפערשטענדליך, אז די אַלע בריעף זיינען געווען געפעלשטע. די מוטער מיט׳ן זיידען זיינען געווען אַזוי ערשטוינט פון דיזער ענטדעקונג, אז זיי זיינען געבליעבען שטעהן פּאַראַליזירטע, אָנקוקענדיג איינע דעם צווייטען, פאַרגעסענדיג אין זייער איבערראַשונג ארויסצוגעהן פון דאַנען.

דער דירעקטאָר איז געווען זעהר אויפגערעגט פון דער גאַנצער געשיכטע, האָט זיך ניט געקענט בערוהיגען און איז מיט זיי געגאַנגען צו דער פּאָליציי. זשאַנע איז מיט איהר פאַטער דערנאָך אוועק אין אַ האָטעל, וואו זיי זאָלען קענען דערווייל איינשטעהן. אויף מאָרגען ערשט האָט מען אויסגעפונען וואו דער בחור געפינט זיך. מען האָט איהם געפונען מיט אַ געפאַלענער פרויענצימער. זיי האָבען איהם גענומען אַ היים, צוריק אין פּאַפּעלבוימער, ניט זאָגענדיג איהר קיין וואָרט פאַרלויפיג. זשאַנע האָט געהאַלטען אין איין וויינען, בעהאַלטענדיג איהר געזיכט אין טאַשענטוך. פּאָול איז געבליבען גלייכגילטיג, האָט געקוקט אויף די פעלדער, אַקוראַט וויא עס וואָלט קיין זאַך ניט פּאַסירען.

אין אַ וואָך ארום האָבען זיי זיך דערוואוסט, אז פאַר די לעצטע דריי חדשים פון זיין קורס אין קאָלעדזש האָט ער אָנגעמאַכט אויף פופצעהן טויזענד פראַנק חובות. די קרעדיטאָרען האָבען דערווייל ניט געמאָנט, ווייל זיי האָבען געוואוסט אז אין עטליכע חדשים ארום וועט ער ווערן פול־יעהריג און מען וועט שוין קענען געזעצליך מאָהנען אויף זיינע אָנווייזונגען.

קיין איבערריידענים איז וועגען דעם ניט געווען. זיין מוטער און אַזוי אויך דער זיידע האָבען געמיינט, אז זיי וועלען אויף איהם קענען ווירקען מיט גוטען. מען האָט איהם געלאַשצעט, געצערטעלט, געקאָכט פאַר איהם גוטע זאַכען און געמאַכט איהם פיהלען גוט, ער זאָל חלילה ניט אָראָבפּאַלען ביי זיך.

פריהלינג איז אָנגעקומען. אַ שיף האָבען זיי פאַר איהם געדונגען אין איפּאָרט, אז ער זאָל קענען זעגלען וואוהין ער וויל, ניט קוקענדיג דערויף וואָס זשאַנעס הארץ איז געווען דערביי זעהר אונרוהיג, אַזוי וויא עס וואָלט איהר דאָס הארץ זאָגען עפּעס ניט גוטעס. אָבער זיי האָבען דאָס געטהאָן, ווייל זיי האָבען איהם פערבאָטען צו רייטען. זיי האָבען מורא געהאַט, אז ווען ער וועט שוין זיין אויפ׳ן פערד וועט ער אוועקרייטען צוריק קיין האַוור.

דעם גאַנצען זומער האָט ער פערבראַכט אין פוסטע פּאַסעווען און איז געווען שטענדיג אויפגערעגט, צורייצט און זאָגאַר ברוטאַל צייטענווייז.

דער בראַון איז געווען זעהר אונרוהיג איבער זיין פערנאַכלעסיגטער ערציהונג, איבער זיין ניט האָבען גענוג בילדונג. און אָבוואָהל זשאַנע האָט געציטערט ביי דעם געדאַנק, אז ער זאָל פון

איהר ווידער אוועק פון רעסטווענגען האָט זיא אליין שוין געמוזט איינזעהען, אז עפּעס מוז געטהאָן ווערען מיט איהר זוהן.

איין אבענד איז ער גאָר א היים ניט געקומען. זיי האָבען געהערט, אז ער איז אוועק מיט צוויי פישער־לייט. דיא מוטער שיער א וואהנזיניגע איז גע־לאָפען קיין איפּאַרט זוכען איהם. אייניגע ארבייטער זיינען געבליבען אויפן ברעג ביז דער שיפעל זייערע וועט זיך אומ־קעהרען. פון גאַנץ ווייט האָט זיך גע־זעהען א דונקעלעס ליכט שימערענדיג; אין טומאַן און איז צוגעקומען אלץ נעהנ־טער. ווען דער שיפעל איז צוגעקומען צום ברעג האָבען דיא צוויי פישער אָנגעזאָגט די בשורה אז פּאָול האָט זיי פערלאָזען אזוי גיך וויא זיי האָבען איהם צוגעשיפט קיין האוור.

דעם מאָל האָט שוין אומ־זיסט געזוכט אפילו דיא פּאָליציי. זיא האָט ניט געקענט געפינען קיין סליאד פון איהם. דיא פּרויענצימער, וואָס האָט איהם בעהאלטען איז פערשוואונ־דען צוזאמען מיט איהם; זיא האָט בעצאהלט איהרע דירה־געלד, האָט פערקויפט איהרע זאכען און איז פער־שוואונדען.

אין זיין צימער אין פּאַפּעל־בוימער האָבען זיי געפונען צוויי בריעף, וועלכע דיזע באַשעפענעס האָט איהם געשריע־בען. עס האָט אויסגעזעהען, אז זיא איז וואהנזיניג פערליעבט אין איהם. זיא האָט אין איהרע בריעף געשריעבען איהם וועגען מאַכען א נסיעה קיין ענג־לאַנד און אז זיא האָט שוין געפונען די מיטלען וועלכע זיינען נויטהיג אויף דער הוצאה.

דיא דריי איינוואָהנער פון שלאָס זיינען געבליעבען שטיל און טרויעריג, האָבען געלעבט עפּעס אין א מין מאַראַ־לישען גיהנום. זשאַנעס גרויליכע האָאָר זיינען ווייס געוואָרען. און זיא פלעגט אלץ טראכטען און וואונדערן זיך, פאַר וואָס איז דער שיקזאל אזוי האַרטהערציג צו איהר.

זיא האָט ערהאַלטען פון׳ם גלח, פּאַטער טאָלביאַק א צעטעלע:

— מאַדאַם, גאָטס האַנד האָט אייך געטראָפען. איהר האָט איהם ניט געוואָלט געבען אייער זוהן; האָט ער איהם איצט צוגענומען פון אייך און האָט איהם אריינגעוואָרפען אין די אָרעמס פון א פּראָסטיטואירטע. ווע־לען זיך אייערע אויגען אויך איצט נאָך ניט עפענען אויף גאָט׳ס וואָרנונג? גאָטס גנאָד איז אונענדליך. אפשר וועט ער אייך מוחל זיין אויב איהר וועט קומען און קניען צו זיינע פיס. איך בין זיין אונטערטהעניגער קנעכט און וועל עפענען דיא טיהרען פאַר אייך ווען איהר וועט נור אין זיי אָנקלאָפּען.

זיא האָט דעם בריעף לאַנג גע־האַלטען אויף איהרע קניע פערמאַכ־טערהייט. אפשר איז אמת וואָס דער גלח זאָגט. און איהר געוויסען איז גע־ווען געפלאָגט פון רעליגיעזע שוואַנקונג. קען דען זיין, אז גאָט זאָל זיין אזוי אייפערזיכטיג און ראַכע־דורשטיג אזוי וויא דיא מענשען זיינען? אויב ער וואָלט ניט געווען אייפערזיכטיג וואָלט דאָך קיינער פאַר איהם ניט מורא האָ־בען, קיינער וואָלט איהם ניט דיענען. און אום צו ווייזען זיך צו זיינע ברואים, האָט ער דאָס מסתמא אָנגענומען זייע־רע געפיהלען און זייערע סענטימענטען. און דער פייגער יאוש, דיא פערצווייפ־לונג, וועלכע ציהט צו מענשען צו דער קירכע האָט אריינגעדרונגען אין איהר הארצען.

איין טאָג, ווען אבענד איז געוואָ־רען, האָט זי זיך שטיל אוועקגע׳גנב׳עט צו דער קירכע, איז געפאַלען אויף דיא קניע פאַר דעם מאָגערען גלח און געבע־טען פון איהם מחילה וסליחה.

דער גלח האָט איהר פערשפּראָ־כען אויף האַלב מוחל צו זיין, ווארום ער האָט ערקלערט, אז גאָט קען ניט שי־קען אלע זיינע חסדים אין א הויז, וועל־כע האַלט אין זיך אזא מענשען וויא דער באַראָן.

— איהר וועט באַלד פיהלען דיא

ווירקונג פון גאָטס הייליגע ערבאַרמונג — האָט ער איהר געזאָגט.

און ווירקליך מיט צוויי טעג שפּעטער האָט זיא ערהאַלטען א בריעף פון איהר זוהן. און אין איהר ליידענדען צושטאַנד האָט זיא דאָס אָנגענומען אלס דעם ערשטען בעווייז פון גאָט'ס אריינמישונג.

— מוטער, ערגער זיך ניט—האָט ער איהר געשריבען — איך בין אין לאָנדאָן און בין געזונד, אָבער איך דאַרף זעהר האָבען געלד. מיר האָבען קיין גראָשען ניט און מאַנכע טעג מוזען מיר ארומגעהען הונגעריגע. דיא פרוי וואָס איז מיט מיר און וועלכע איך ליעב מיט מיין גאַנצען הארצען האָט אויסגעגעבען אלעס וואָס זיא האָט פערמאָגט נור צו בלייבען מיט מיר: פינף טויזענד פראַנק זיינען ביי איהר געוועזען. דוא וועסט מיך פערשטעהן, ווען איך וועל דיר זאָגען, אז פון מיין עהרע וועגען, מוז איך איהר דאָס געלד אומקעהרען פריהער פון אלעס אנדערע. איך וועל זיין זעהר פערפפליכטעט צו דיר, ווען דו וואָלסט מיר אויסגעלייגט ביי א פופצעהן טויזענד פראַנק פון דעם טאַטענס ירושה, אזוי וויא איך וועל דאָך אין גיכען זיין אין יאָהרען. דו וועסט מיר דערמיט טהאָן א גרויסע טובה. זיי געזונד טהייערע מוטער, איך שיק דיר, דעם זיידען און דער טאַנטע ליזאַן מיין בעסטען ליעבעס־גערוס און האָף אין גיכען צו זעהען זיך מיט דיר.

דיין זוהן,

גראַף פּאָול דע־לאַמאַר.

אלזאָ, ער האָט דאָך געשריבען! נאָך אלעמען האָט ער דאָך זיא ניט פערגעסען! זיא האָט גאָר ניט א טראַכט געטהאָן, אז דאָס בעט ער געלד. אויב ער דאַרף געלד וועט זיא איהם דאָך זיכער שיקען.

און וואָס פאַר א בעטרעף האָט דאָס געלד, וויא באַלד נור ער שרייבט איהר! און זיא איז א בעגאָסענע מיט טרעהרען געלאָפען צו דעם באַראָן ווייזען איהם דעם בריעף. זיי האָבען גערופען טאַנטע ליזאַן און האָבען איבערגעלעזען וואָרט פאַר וואָרט דיא זעצע, וועלכע פּאָול האָט געשריבען און זיי האָבען גענומען בעטראַכטען דעם אינהאַלט און דעם צוועק.

זשאַנע, וועלכע האָט זיך א וואָרף געטהאָן פון טיעפער פערצווייפלונג אין דער בעטרונקענהייט פון האָפנונגען, האָט זיך איינגעשטעלט פאַר איהר זוהן.

— וויא באַלד, אז ער האָט אונז נור געשריבען, וועט ער זיכער קומען צו אונז צוריק.

— און פון דעסטוועגען האָט ער אונז אוועקגעוואָרפען פון דיזער פרוי וועגען — האָט געענטפערט דער באַראָן — דאָס ווייזט דאָך, אז זיא איז ביי איהם טהייערער פון אונז, ווארום ער האָט אפילו גאָר ניט א טראַכט געטהאָן.

דאָס האָט געגעבען פּלוצלינג א שאַרפען שטאָך זשאַנען אין הארצען: און עס האָט זיך גלייך ערוועקט אין איהר א שרעקליכער האַס געגען דיזער באַשעפּעניש, וועלכע האָט גערויבט פון איהר איהר זוהן'ס ליעבע — אַן אונגעשטילטע, ווילדע, מוטערליכע אייפערזוכט האָט זיך אין איהר ערוועקט.

ביז איצט זיינען איהרע געדאַנקען געוועזען פערנומען בלויז מיט פּאָול'ן. זיא האָט אפילו ניט א טראַכט געטהאָן, אז יענע בעשעפּעניש איז דאָס געוועזען שולדיג, איז געוועזען פעראַנטוואָרטליך פאַר זיין פערדאָרבענע אויפפיהרונג. זי האָט דאָס איהם אראָבגעפיהרט פון וועג. נור דעם באַראָנס ווערטער האָבען פּלוצלינג געעפענט איהרע אויגען און געוויזען איהר דיא פאַטאלע מאַכט פון יענער פרוי.

און זשאַנע האָט דערפיהלט, אז צווישען איהר און יענער פרוי האָט זיך אָנגעהויבען א מלחמה פאַר בעהערשונג, וועלכע זאָל פאַרנעהמען דעם ערשטען פּלאַץ אין פּאָול'ס הארץ. זיא האָט זאָגאָר געפיהלט, אז זיא וואָלט ליבערשט פערלירען איהר זוהן אין גאַנצען איידער טהיילען זיך מיט יענער אין זיין ליעבע.

איהר גאַנצע שמחה איז פערשוואונדען. אָבער זיי האָבען געשיקט דיא

פופצעהן טויזענד פראנק און מעהר האָ־בען זיי פון איהם ניט געהערט פינף מאָנאטען נאָכאנאנד.

און דאן איז ערשיענען אין שלאָס אַן אדוואָקאט און האָט זיך פאָרגע־שטעלט, אַז ער איז געקומען איינאָרדנען די איינצעלהייטען פון זשוליאנס ירושה. זשאנע און איהר פאטער האָבען צוגע־שטעלט אַלע חשבונות נים אויסריידענ־דיג אפילו א וואָרט. זיי האָבען אפילו אָבגעגעבען דיא פּראָצענטען פון'ם פאר־מעגען, וועלכער האָט על פי רעכט בע־לאנגט צו דער מוטער אזוי לאנג וויא זיא לעבט.

פּאול האָט זיך צוריקגעקעהרט קיין פּאריז און ער האָט שוין בעקומען א פערמעגען פון הונדערט מיט צוואנציג טויזענד פראנק. נאָך דעם זיינען אין צייט פון זעקס מאָנאט פון איהם אָנגע־קומען פיער בריעף. ער האָט זיי מיט זעהר העפליכע ווערטער בענאָכריכטעט וועגען זיין געזונד און דיא בריעף פלע־גען זיך ענדיגען מיט א קאַלטען אויס־גוס פון געפיהלען.

— איך ארבייט — האָט ער גע־שריבען אין איין בריעף — איך האָב געפונען א פּלאַץ אויף דער בערזע. איך האָף, אַז איך וועל ווען עס איז קומען אין פּאפּעלבוימער, טהייערע מוטער.

ער האָט קיין מאָהל א וואָרט ניט געשריבען וועגען זיין ליעבהאבערין. אין דיזעם שווייגען האָט בעדייט מעהר איידער ווען ער וואָלט פערשרייבען בלעטער גאנצע וועגען איהר.

צווישען דיא פּראָסטיגע ווערטער פון איהר זוהן, האָט זשאנע געפיהלט דעם איינפלוס פון דער קורטיזאנקע, פון זיין ליעבהאבערין, דיזע שפּירזאמע, שטענדיגע פיינדין פון מוטערס.

די דריי עלענדע האָבען זיך מיישב געווען וואָס קען מען טהאָן צו ראטע־ווען פּאָול'ן, אָבער זיי האָבען ניט גע־קענט קומען צו קיין ענטשיידונג.

פאָהרען קיין פּאריז? וואָס וואָלט דערפון ארויסגעקומען? וואָס גוטעס וואָלט מען דערפון געקענט ערווארטען?

— א, דיא צייט וועט אָבטראָגען זיין ליעבע, ער וועט דערנאָך אליין, מיט זיין אייגענעם ווילען קומען צו אונז — האָט געזאָגט דער באראָן.

אָבער ניט קוקענדיג דערויף איז זייער לעבען געווען זעהר א טרויעריגער.

זשאנע און ליזאָן פלעגען זיך אָב־גנב'ענען צוזאמען פון באראָן און געהן אין קירכע. א לאנגע צייט איז אריבער און זיי האָבען קיינע נאכריכטען פון פּאָול'ן ניט בעקומען. און פּלוצלינג, אין איין פריהמאָרגען זיינען זיי איבערראשט געוואָרען פון א פּארצווייפעלטען בריעף:

— מוטער טהייערע — האָט פּאָול געשריבען — איך בין פערלאָרען; סיי־דען עס בלייבט מיר נור איך זאָל אריינ־שיסען א קויל אין קאָפּ אויב דו וועסט מיך ניט ראטעווען. א ספּעקולאציע, פון וועלכער איך האָב ערווארט צו האָבען גרויס'ע פּראָפיטען, איז דורכגעפאלען. איך בין שולדיג פינף און פערציג טוי־זענד פראנק. אויב איך בעצאָהל דאָס ניט, הייסט דאָס אַז איך בין פערלאָ־רען, ענטעהרט און מיין גאנצע צוקונפט איז פערניכטעט. מאמע, איך בין פער־לאָרען. איך זאָג נאָך אמאָהל, אַז איך וועל ארייננשיסען זיך א קויל אין קאָפּ איידער איבערלעבען אזא ערנידריגונג, אזא שאנדע. איך וואָלט דאָס שוין איצט געטהאָן, אויב עס וואָלט מיך ניט ער־מוטהיגט דיא פרוי, וועלכע איך דערמאָן קיין מאָהל ניט אין מיינע בריעף און וועלכע איז מיין גאָט, מיין השגחה. איך קוש דיך מיט'ן גאנצען הארצען, טהייע־רע מוטער, פיעלייכט צום לעצטען מאָל. לעב וואָהל — דיין פּאָול.

פּעק פון קאמערציעלע פּאפּיערען, וועלכע זיינען אָנגעקומען צוזאמען מיט'ן בריעף האָבען געגעבען א גענויע ער־קלעהרונג וועגען דער קאטאסטראָפע.

דער באראָן האָט באלד מיט דער צווייטער פּאסט געענטפערט, אַז אלעס וועט זיין איינגעאָרדענט, דאן איז ער אליין אריבערגעפאָהרען קיין האוור אויסצוגעפינען וויא גרויס דער אונגליק איז. ער האָט דאָרט איך שוין פאר־משכן'ט זיינע גיטער פאר א סוממע,

וועלכע איז אוועקגעשיקט געוואָרען צו פּאול'ען קיין פּאַריז.

דער יונגערמאַן האָט געענטפערט מיט דריי בריעף פול מיט בעגייסטערונג און דאנקבארקייט און מיט ליידענשאפטליכע אויסדריקע פון ליעבע צו זיי. ער האָט אויך געלאָזט וויסען, אז ער האָט בדעה אויף זיכער צו קומען קיין פּאפּעל־בוימער. ער איז אָבער קיין מאָל ניט געקומען.

א גאנצער יאָהר איז אריבער. זשאנע מיט'ן באראָן האָבען בעשלאָסען צו פאָהרען קיין פּאריז און מאכען אן אנשטריינגונג דיא לעצטע פּראָבע צו ברייגגען איהם א היים. אָבער דאָ האָבען זיי זיך דערוואוסט פון א צוגעשיקטען צעטעלע, אז ער איז גאָר ווידער אין לאָנדאָן און אָרגאניזירט דאָרט א קאָמפּאניע, וועלכע זאָל קאָנטראָלירען א דאמפּפער ליניע. דיא פירמא וועט זיין „פּאול דע־לאמאר עט קאָמפּאניע.”

— עס ליגט דעריין פאר מיר א שטיק מיט געלד — האָט ער געשריעבען — און איך אליין ריזיקיר מיט גאָרנישט. איהר קענט לייכט פארשטעהן, וואָס פאר א גוטעס געשעפט דאָס איז. ווען איך וועל זיך זעהען מיט אייך ווידער, וועל איך שוין האָבען עררייכט מיין הויכען ציעל אין לעבען. קיין זאך קען א מענשען אזוי ניט ארויסשלעפּען פון אונגליק היינט צו טאָג ווי האנדעל.

אין דריי מאָנאט ארום האָט דיא דאמפּפער־קאָמפּאניע באנקראָטירט, און דער פּערוואלטער איז געשטעלט געוואָרען צום געריכט פאר אונרעגעלמעסיגקייטען אין דיא ביכער פון דער פירמא. זשאנע האָט דערפון בעקומען אן אנפאל פון היסטעריע אייניגע שטונדען נאכאנאנד, און דאן האָט זיא זיך אוועקגעלייגט א קראנקע.

דער באראָן איז ווידער אריבערגעפאָהרען קיין האווער, האָט זיך עצות געהאלטען מיט אדוואָקאטען, מיט יוריסטען, מיט רעגיערונגס־בעאמטע און האָט ענדליך אויסגעפונען, אז דיא „דעלאמאר קאָמפּאניע” איז הינטערשטעליג ניט מעהר וויא אין צוויי הונדערט מיט פינף און צוואנציג טויזענד פראנק.

נו, האָט ער פאר'משכון'ט וויעדער זיינע גיטער. דער שלאָס און דיא צוויי מאיאָנטקעס זיינען שוין געווען איינגעטונקט אין שולדען. און אין איין אבענד ווען ער האָט שוין געהאלטען אין אונטערשרייבען דיא לעצטע פּאפּירען אין ביורא פון זיין אדוואָקאט האָט איהם געטראָפען א אפּאָפּלעקסישער שלאג. מען האָט געשיקט באלד נאָך זשאנען, זיא זאָל קומען צו איהר פאָטער'ס בעט, אָבער ער איז געשטאָרבען איידער זיא האָט בעוויעזען אָנצוקומען.

זיא האָט געבראכט זיין קערפּער קיין פּאפּעלבוימער און איהר יאָמער איז געווען אזוי גרויס, אז זיא איז געווען אין גאנצען א בעטויבטע, ניט בלויז א פארצווייפעלטע. דער גלח, פאטער טאלביאק האָט זיך ענטזאגט פון צו בעערדיגען איהם קירכליך, און קיינע געוויין און געבעטען פון דיא צוויי פרויען האָבען ניט געהאָלפען. און דער באראָן איז דארום בעערדיגט געוואָרען ביינאכט און קיין רעליגיעזע צערעמאָניע איז ניט געווען דערביי.

פּאול האָט דערהערט דיא נאכריכט וועגען זיין זיידענס טויט פון איינעם פון זיינע אדוואָקאטען. ער איז נאָך אלץ געווען בעהאלטען אין ענגלאנד, ער האָט געשריעבען א בריעף, אין וועלכען ער האָט זיך ענטשולדיגט וואָס ער קען ניט זיין ביי דער לויה, ערקלעהרענדיג, אז איהם איז דיא נאכריכט אָנגעקומען צו שפּעט, אז ער זאָל קענען בעוויזען צו דער לויה. און נעענדיגט האָט ער זיין בריעף מיט דיא ווערטער:

— און איצט, מוטער טהייערע, ווען דוא האָסט מיך שוין ארויסגעשלעפּט פון דעם גרויסען אונגליק, וועל איך אין גיכען קומען זעהען זיך מיט דיר.

זשאנע איז געווען אין אזא צושטאנד, אז עס האָט אויסגעזעהען וויא איהר מוח וואָלט געווען געריהרט.

און ווען עס איז געקומען נאָהענט פון ענדע ווינטער האָט טאנטע ליזאן,

וועלכע איז שוין אלט געווען אכט און־זעכציג יאָהר זיך שטארק ערקעלטעט און עס האָט זיך אין גיכען ענטוויקעלט לונגען־ענטצינדונג. זיא איז געשטאָרבען רוהיג און שטיל, מורמלענדיג נור :

— מיין ארעמע, אונגליקליכע זשאַנע, איך וועל בעטען דעם אלמעכטינגען, ער זאָל זיך ערבארעמען אויף דיר.

זשאנע איז געגאַנגען צו דער לויה איז געשטאַנען ביי דער בעערדינונג, האָט געזעהען וויא דיא ערד האָט זיך געשאָטען אויף'ן ארון ; זיא איז דערנאָך געזונקען צו דער ערד ; איהר וואונש איז בלויז געווען צו שטארבען, און זאָלען זיך ענדיגען די יסורים. א שטארקע, געזונדע פויערטע האָט זיא אויפגעהויבען פון דער ערד און האָט זיא אוועקגעטראָגען אויף דיא הענד אזוי וויא זיא וואָלט געווען א קליין קינד.

ווען זיא איז אריינגעטראָגען געוואָרען אין שלאָס, וואו זיא האָט שוין צייט פינף נעכט ניט געשלאָפען, זיצענדיג לעבען דער שטערבענדער ליזאַן, האָט זיא געלאָזט טאָהן מיט זיך אלעס וויא זיא וואָלט געווען א קינד; דיא נעזונדע פויערטע האָט פון איהר אראָבגעצויגען דיא קליידער און האָט זיא צערטליך אוועקגעלייגט, וויא זיא וואָלט געווען איהר ערציהערין, און א גאנצע בעל־הבית'טע אין הויז.

פון אויסגעמאַטערטקייט און יסורים איז זיא געזונקען אין א טיעפען שלאָף. אין מיטען נאכט האָט זיא זיך אויפגעכאפט. א לאָמפ האָט געברענט און דונקעל בעלויכטען דעם צימער. א פרוי איז געשלאָפען אין א פוטעל. זיא האָט דיא פרוי ניט דערקענט און האָט זיך אָנגעבויגט איבער'ן ברעג פון בעט אום צו קענען גוט איינקוקען זיך אין דער פרוי'ס פנים, וועלכער איז געווען בעלויכטען מיט דעם דונקעלען שיין פון לאָמפ.

עס האָט איהר אויסגעוויזען זיך, אז זיא האָט דיזען געזיכט שוין געזעהן אמאָהל. אבער וואו? ווען? דיא פרוי האָט רוהיג געשלומערט מיט איהר קאָפּ אָנגעשפּארט אויפן אקסעל און איהר ציפּיק אויף דיא דיקען לעבען איהר. זיא איז געווען גרויס, ברייט מיט א קרעפּטיגע פארב אין פנים, געזונד און שטארק איהרע גרויסע הענד זיינען אראָבגעהאַנגען אויף ביידע זייטען פון שטוהל. איהרע האָר זיינען געווען עטוואס גרויליך. זשאנע האָט פון איהר ניט אראָבגענומען דיא אויגען, זייענדיג אביסעל צוטומעלט נאָך דעם שטארקען שלאָף פון אויסמאַטערונג און ליידען. זיא האָט געקוקט און געקוקט.

געווים האָט זיא געזעהען דיזע פרוי אמאָל! אזא בעקאַנטער פנים. אָבער ווען איז דאָס געווען? איז דאָס שוין זעהר לאנג? אָדער איז דאָס געווען אפשר מיט א קורצער צייט צוריק? זיא האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען, און דיזע רעטעניש האָט זי נאָך מעהר צוטומעלט און געמאכט פיהלען אונרוהיג.

זיא איז שטילערהייט ארויסגעקראָכען פון בעט, איז צוגעגאַנגען צו דער שלאָפענדע און האָט זיך גענומען איינקוקען. אָ, דאָס איז דיזעלביגע פרוי, וועלכע האָט זיא אויפגעהויבען פון ליזאן'ס קבר אויפן בית עולם, האָט זיא געטראָגען אויף איהרע הענד און אוועקגעלייגט זיא אין בעט. דאָס האָט זיא זיך דערמאָנט וויא אין א טומאַן. אָבער האָט זיא דיזע פרוי ניט באגעגענט קיין מאָהל פריהער? אָדער דוכט זיך איהר, אז זיא דערקענט אין איהר א פערזאָן, וועלכע זיא האָט אמאָהל געקענט? וויא אזוי איז זיא געקומען אהער? נאָך וואָס?

דיא פרוי האָט דערווייל געעפענט איהרע אויגען, האָט דערזעהען זשאנע'ן און האָט זיך גלייך א הויב געטהאָן. זיי האָבען אָנגעקוקט איינע דיא אנדערע אזוי נאָהענט אז זייערע בוזים'ס האָבען זיך אָנגעריהרט. דיא פרעמדע פרוי האָט עפּעס א מין ברום געטהאָן :

— וואָס? איהר זייט ארויס פון בעט? איהר וועט זיך דאָך ערקעלטען און קראַנק ווערען. געהט, לייגט זיך; איהר דארפט זיך גלייך לייגען צוריק אין בעט.

— ווער זייט איהר ? — האָט זשאנע א פרעג געטהאָן.

אָבער אנשטאט אן ענטפער, האָט

דיא פרוי אָן עפּען געטהאָן איהרע גרויסע אָרעמס, האָט אַ הויב געטהאָן זשאַנען אויף איהרע הענד און האָט זיא אַוועקגעטראָגען צום בעט.

דיא פרוי האָט זיא מיט פּאָרזיכטַ און צערטליכקייט אַריינגעלעגט אין דיא בעט־געוואַנד און אַנבייגענדיג זיך איבער איהר האָט זיא אָנגעהויבען צו וויינען און קוסען זיא אין דיא באַקען, אין דיא אויגען, אויף דיא האָאר, מאַכענדיג דיא קישען נאַסס מיט איהרע טרעהרען:

— מיין אונגליקליכע, אונגליקליכע בעל־הבית'טע, מאַמזעל זשאַנע, אונגליקליכע, טהייערע, געדיינקסט איהר מיך גאָר ניט ? — האָט זיא געפּרעגט.

— ראָזאַליע ! — האָט אַ געשריי געטאָהן זשאַנע און האָט מיט איהרע ביידע אָרעמס אַרומגענומען ראָזאַליעס האַלז, האָט זיא געגלעט און געקוסט.

זיי האָבען זיך ביידע צוּאַוויינט, אַז זייערע הערצער זיינען שיער צוריסען געוואָרען, ביידע אַרומגענומען, ביידע איינע דיא אַנדערע אויף דיא העלזער, אונמעגליך אָבצורייסען זיך איינע פון דער אַנדערער האָבען זיי געשלוכצט. ראָזאַליע איז געווען דיא ערשטע צו קומען צו זיך :

— נו, געגוג, זייט פאָרזיכטיג, איהר טאָרט דאָך ניט אַרויס פון בעט, איהר וועט זיך ערקעלטען.

זיא האָט צונומען דיא דעקע, האָט זיא אויסגעגלייכט, האָט פאַרריכט דעם לאַקען, האָט צורעכט געמאַכט דיא קישעלע פון איהר פריהערדיגער ווירטהינס צוקאָפּענס. זשאַנע האָט נאָך אַלץ געשלוכצט, ווארום דיא אַלטע עראינערונגען האָבען ערשט איצט אויפגעוואַכט אין איהר. ענדליך האָט זיא אַ פרעג געטאָהן :

— וויא אַזוי ביסט דוא געקומען אַהער צוריק, ראָזאַליע ?

— וואָס דיינקט איהר, איך וועל אייך דען איבערלאָזען אַליין איצט, נאָר אַזוי עלענד צו בלייבען, וואָס ? — האָט ראָזאַליע געענטפערט.

— ציגד אָן אַ ליכט, איך זאָל קענען זעהען דיך וויא עס דאַרף צו זיין

— האָט געזאָגט זשאַנע.

און ווען ראָזאַליע האָט אַוועקגעשטעלט אַ ליכט לעבען בעט האָבען דיא ביידע פרויען געקוקט אַ לאַנגע צייט איינע אויף דער אַנדערע, ניט ריידענדיג אַ וואָרט. דאַן האָט זשאַנע אַנגענומען דיא האַנד פון איהר געוועזענע דיענסטמויד און האָט אַ זאָג געטאָהן :

— ראָזאַליע, איך וואָלט דאָך דיך קיין מאָהל ניט דערקענען, ווארום דוא האָסט זיך אַזוי געענדערט ; אמת, ניט אַזוי פיעל געענדערט זיך וויא איך.

ראָזאַליע האָט געקוקט אויף דער פאַרוועלקטער גרוי־האָריגע פרוי, וועלכע זיא האָט פאַרלאָזען נאָך אַזוי יונג און אַזוי שעהן און האָט געענטפערט.

— יאַ, איהר האָט זיך היבש געענדערט, מאַדאַם זשאַנע, געענדערט זיך אַ סך מעהר וויא איידער עס איז נויטיג פאַר אייערע יאָהרען. אָבער פאַרגעסט ניט, עס איז דאָך עפּעס אַריבער פינף און צוואַנציג יאָהר וויא מיר האָבען זיך ניט געזעהען.

זיי זיינען אַנטשוויעגען געוואָרען אויף אַ ווייַלע אום נאָכצוטראַכטען. ענדליך האָט זשאַנע געשטאַמעלט :

— איך האָף, אַז דוא ביסט וועניגסטענס געווען גליקליך ?

אָבער ראָזאַליע האָט מורא געהאַט ניט צו ערוועקען אַלטע וואונדען אין איהר ווירטהינס הארץ און האָט געענטפערט אויסווייכענד :

— אַ, יאַ... געוויס... איך האָב זיך ניט וואָס צו בעקלאָגען, מאַדאַם... ניין, ניטאָ וואָס צו בעקלאָגען זיך... איך בין געווען גליקליכער פון אייך. פון איין זאַך האָב איך נור געליטען ; מיך האָט פערדראָסען וואָס איך האָב אייך פערלאָזען און געמוזט אַוועק פון דעם פּלאַץ...

אָבער וויא זיא האָט דאָס אַ זאָג געטהאָן האָט זיא איבערגעריסען פּלוצלונג דעם איינענעם געשפּרעך, מורא האָבענדיג, אַז זי האָט שוין אָנגעריהרט אַ וואונד ניט וועלענדיג.

אָבער זשאַנע האָט געענטפערט ווייך און הארציג :

— וואָסזשע קען מען מאַכען, ראָ־
זאַליע, מיר קענען קיין מאָהל ניט אויס־
פיהרען וואָס מיר ווילען. ביסט דוא
אויך אַן אַלמנה?

און איידער ראָזאַליע האָט נאָך
צייט געהאַט צו ענטפערען דיעזע פראַ־
גע, האָט זיא איהר אַ פרעג געטהאָן:

— און האָסט דוא נאָך קינדער?

— נאָך קינדער? ניין, מאַדאַם.

— און דיין זוהן... וואָס איז גע־
באָרען געוואָרען פון איהם?... ביזט דו
מיט איהם ניט צופריעדען?

— זעהר צופריעדען, מאַדאַם, ער
איז אַ גוטער יונג און אַ טיכטיגער אַר־
בייטער. עס איז ערשט אַ האַלב יאָהר
וויא ער האָט חתונה געהאַט און ער
נעהמט איבער מיין הויף, ווארום איך
וועל בלייבען דאָ מיט אייך.

— דוא וועסט זיין מיט מיר, ראָ־
זאַליע? — האָט געמורמעלט זשאַנע
און האָט געציטערט, אזוי געריהרט איז
זיא געוועזען דערפון.

— געוויס, מאַדאַם. איך וועל אייך
ניט איבערלאָזען אזוי עלענד. איך האָב
שוין אַלעס איינגעאָרדענט — האָט זיא
געענטפערט ענטשיעדען.

זיי זיינען וויעדער אַנטשוויעגען
געוואָרען. זשאַנע האָט געגען איהר איי־
גענעם ווילען אַנגעהויבען פערגלייכען
אין איהרע געדאַנקען זייער ביידענס
לעבען. זיא האָט שוין מעהר ניט גע־
האַמפערט זיך געגען דיא האַרטהעציג־
קייט פון איהר שיקזאַל.

— איז דיין מאַן געוועזען גוט צו
דיר? — האָט זיא געפרעגט.

— אָ, ער איז געוועזען אַ גוטער
מענש, מאַדאַם, אַ שווערער אַרבייטער,
אַ האָראַפּאַסניק און ער האָט געזעהן אַב־
צושפּאָרען אַ ביסעל געלד. ער איז גע־
שטאָרבען פון אויסצעהרונג.

זשאַנע האָט זיך אַוועקגעזעצט אין
בעט; זיא האָט געוואָלט הערען אַלעס;
זיא זאָל איהר אַלעס דערצעהלען.

— דערצעהל מיר, ראָזאַליע —
האָט זיא געבעטען — דערצעהל מיר
אַלעס וועגען דיין לעבען, דאָס וועט פאַר
מיר זיין היינט אַזאַ גענעזונג.

ראָזאַליע האָט צוגערוקט אַ שטוהל
און האָט זיך געזעצט דערצעהלען. זיא
האָט דערצעהלט וועגען זיך, וועגען
איהר הויז, וועגען אַלעס וואָס האָט זיך
געטהאָן אַרום זיי; זיא האָט דערצעהלט
מיט אַלע איינצעלהייטען, אויסרעכענ־
נענדיג אַלע קליינינקייטען, וועלכע זיי־
נען פאַר דאָרפישע מענשען אזוי וויכ־
טיג; זיא האָט געשילדערט איהר מאַ־
יאָנטעק און פלעגט זיך צולאַכען אין
מיטען, עראינערענדיג זיך וועגען מאַנ־
כע זאַכען, און וואָס ווייטער האָט זיא
אַלץ העכער גערעדט, מיט דעם קול
פון אַ פרוי, וועלכע איז געוועהנט גע־
וואָרען צו קאָמאַנדעווען. ענדליך האָט
זיא ערקלעהרט:

— אָ, איך האָב אַנגעקליעבען אַ
שטיקעל פערמעגען און האָב פאַר דער
צוקונפט ניט וואָס מורא צו האָבען אויף
מיינע עלטערע יאָהרען.

זיא איז דאַן עפּעס געבליבען וויע־
דער וויא אין אַ פערלעגענהייט און האָט
שוין אַנגעהויבען שטילער:

— אָבער אַלעס דאָס האָב איך
דאָך אייך צו פערדאַנקען, מאַדאַם. איך
וועל דאַרום בשום אופן ניט נעהמען פון
אייך קיין געהאַלט, איך וועל מיט אייך
בלייבען אזוי. איך וועל ניט נעהמען!
בשום אופן ניט! און אויב אייך גע־
פעהלט דאָס ניט, וועל איך בעסער גאָר
אַוועקגעהען!

— אָבער, ראָזאַליע, דוא מיינסט
דאָך ניט צו זאָגען, אַז איך וועל דיך
לאָזען אַרבייטען פאַר מיר אומזיסט —
האָט זשאַנע געענטפערט.

— געוויס, מיין איך. וואָס רעדן,
געלד? איך זאָל נאָך ביי אייך נעהמען
געלד?

— וויא זשע דען?

— אָ, ניין, מאַדאַם. איך בין דאָך
באַלד אפשר אזוי רייך איצט אזוי וויא
איהר. ווייסט איהר לכל הפּחות וואָס
איז פערבליבען פון אייער עשירות נאָך
דיא אַלע אַנלייהונגען, פער'משכונען די
גיטער, און פּראָצענטען, וועלכע האָבען
זיך אַנגעקליבען, ווייל מען האָט קיין
מאָהל דיא פּראָצענטען ניט אָבגע־

צאָהלט, און זיי וואקסען פּראָצענטען אויף פּראָצענטען, ווייסט איהר? ניין, איהר ווייסט ניט. נו, וועל איך אייך זאָגען, אז איהר האָט אפילו ניט קיין איינקונפט פון צעהן טויזענד פראַנק. קיין צעהן טויזענד פראַנק אפילו ניט, ווייסט איהר דאָס? אָבער איצט וועל איך שוין דערויף אכטונג געבען, און וועל מאַכען א טאָלק, און טאַקע וואָס פריהער אלץ בעסער.

זיא האָט גערעדט אין דער הויך, עמפּעהרט געגען דעם וויא דיא בעל־הבית׳ישקייט איז רואינירט געוואָרען און וויא זשאַנע איז געבליבען אזוי אָרעם. ווען זיא האָט גערעדט האָט זשאַנע געשמייכעלט און איז געוועזען שטאַרק גערירט פון דיזער פריינדשאַפט.

— עס איז ניט קיין געלעכטער, מאַדאַם, ניטאָ דערפון וואָס צו לאַכען, ווייל אָהן געלד איז א מענש גאָרנישט — האָט זיא אויסגעשריען מיט פערדרוס.

זשאַנע האָט אריינגענומען איהר האַנד אין איהרע און האָט זיא געהאַלטען א היבשע ווײַלע. דערנאָך האָט זיא שטיל, לאַנגזאַם געזאָגט דיא ווערטער, וואָס זיינען ביי איהר שטענדיג געוועזען אויפן זינען.

— איך האָב קיין גליק ניט געהאַט אין מיין לעבען. אלעס איז געגאַנגען שלעכט מיט מיר. מיין שיקזאַל איז געווען אונערבאַרעמליך.

ראָזאַליע האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— איהר דאַרפט אזוי ניט ריידען, מאַדאַם, ניין, איהר דאַרפט ניט. איהר זייט געוועזען אונגליקליך פערהייראַטה. דאָס איז אלעס. עס טויג ניט אזוי חתונה צו האָבען וויא איהר האָט חתונה געהאַט, ניט קענענדיג אפילו גוט פריהער דעם חתן.

זיי האָבען דערנאָך שוין אָנגעהויבען צו ריידען וועגען זייערע לעבענס, וויא צוויי גוטע אלטע פריינד, און דיא גאַנצע נאַכט האָבען זיי אזוי גערעדט. ווען דיא זונן איז אויפגעגאַנגען האָבען זיי נאָך אלץ געהאַלטען אין ריידען.

## דיא נייע היים

אין צייט פון אכט טאָג האָט ראָזאַליע אריינגענומען אין איהרע הענד דיא גאַנצע ווירטהשאַפט און אָנגעהויבען בעזאָרגען אלעס. זשאַנע איז געבליעבען פּאַסיוו און האָט געפאָלגט וואָס ראָזאַליע האָט נור געהייסען. שוואַך אויף דיא פיס אזוי וויא איהר מוטער איז געווען, פלעגט זיא שפּאַצירען קורצע שטרעקעס אָנגעשפּאַרט אויף ראָזאַליע׳ס אָרעם. דיא דיענסט האָט זיא באַשיצט, האָט זיא געטרויסט, האָט געזוכט צו מאַכען פאַר איהר אלעס בעקוועמליכער. און ריידען פלעגט זיא צו איהר קורצע ווערטער, אָבגעהאַקט, אָבער האָט זיא בעהאַנדעלט צערטליך, וויא מען בעהאַנדעלט א שוואַכעס קינד.

זיי פלעגען שטענדיג שמועסען וועגען דיא אלטע צייטען; זשאַנע פלעגט ריידען תמיד מיט טרעהרען אין דיא אויגען, און ראָזאַליע מיט א גראָבער, שטאַרקער שטימע, אונגעדולדיג, אָבגעהאַקט, וויא דער שטיינער פון די בויערן איז.

איינינע מאָל האָט ראָזאַליע פערפיהרט א געשפּרעך וועגען דיא פּראָצענטען, וועלכע זיינען פעליג אויף דיא הלוואות וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען און אויף וועלכע עס וואַקסען אָן פּראָצענט אויף פּראָצענט. זיא האָט אָנגעהויבען צו פאָדערן, אז דיא פּאַפּיערען, וועלכע זשאַנע האָט פון איהר געהאַלטען פאַרשטעקט, שעהמענדיג זיך צו ווייזען איהר וועגען פּאָול׳ס מעשים, זאָלען איהר איבערגעגעבען ווערן. אָבער טאַקע גלייך, ניטאָ מעהר וואָס אָבצולייגען.

א וואָך נאָכאַנאַנד איז ראָזאַליע יעדען טאָג געפאָהרען אין שטעדטעל אין פעקאַמפּ; זיא האָט דאָרט געקענט א נאָטאַריוס און זיא האָט זיך מיט איהם עצות געהאַלטען; זיא האָט פון איהם

געפאָדערט ערקלעהרונגען וועגען דיא פארשיידענע פּאפּיערען, געשעפטליכע און געזעצליכע משא־מתן׳ס, וואָס זיא האָט ניט גאָר פארשטאַנען.

אין איין אבענד, ווען זיא האָט צוועקגעלייגט איהר ווירטהין שלאָפען, האָט זיא זיך אוועקגעזעצט צו איהר ביים בעט און האָט א זאָג געטהאָן:

— נו, איצט, ווען איהר זייט אין בעט, מאדאַם, לאָמיר א רעדט טהאָן וועגען געשעפטען.

זיא האָט אָנגעהויבען ערקלעהרען זשאַנען דיא גאַנצע לאַגע. זיא האָט איהר געגעבען צו פארשטעהן, אז נאָך דעם וויא אלעס וועט ווערען איינגעאָרדענט וועט בלייבען אן איינקונפט פון זיבען ביז אכט טויזענד פראַנק. ניט איין סוּ מעהר.

— וואָס קען מען העלפען, ראָזאַליע! איך פיהל אז זעהר אלט ווערען מיינע ביינער ניט ווערען; איך וועל לאַנג ניט לעבען, סאַי וויא סאַי, און פאר דיא עטליכע יאָהרען, וואָס זיינען מיר געבליעבען וועט קלעקען וויפיעל איך האָב — האָט געענטפערט זשאַנע.

ראָזאַליען האָבען אָבער אויפגעבראַכט דיא ווערטער:

— ניין, מאדאַם. עס קען זיין אז עס וועט קלעקען; אָבער וויא וועט זיין מיט מאַסיע פּאָול? ווילט איהר גאָר פאר איהם עפּעס ניט איבערלאָזען?

זשאַנע האָט א ציטער געטהאָן:

— דערמאָן מיר ניט וועגען איהם, ראָזאַליע — האָט זיא זיך געבעטען — דיא עראינערונגען וועגען איהם ברייננט מיר מעהר ניט יסורים.

— ניין, מאדאַם. גראַד פערקעהרט. איך מוז מיט אייך ריידען וועגען דעם. פארשטעהט איהר? איהר בעטראַכט גאָר ניט דיא זאַך, מאדאַם זשאַנע. דאָס איז ניט גוט פון אייך אזוי צו ריידען. ער איז איצט צולאָזען. ער וועט דאָך אָבער ניט זיין אזוי אַלע מאָל. ער וועט דאָך ווען עס איז חתונה האָבען און וועט האָבען קינדער. ער וועט דאָך דאַרפען האָבען געלד אויף זיי צו ערנעהרען; וועט ער דען ניט דאַרפען? הערט זיך בעסער צו וואָס איך זאָג אייך. איהר מוזט פארקויפען דעם שלאָס.

זשאַנע האָט זיא אָנגעקוקט.

—איהר מוזט פערקויפען פּאפּעל־בוימער — האָט ראָזאַליע געזאָגט ענטשיעדען.

— פערקויפען פּאפּעל־בוימער? — האָט זיך צושראָקען זשאַנע — ניין, קיין מאָל ניט! א, ניין!

אָבער ראָזאַליע האָט זיך ניט געלאָזט איבערשפּאַרען:

— איך זאָג אייך, אז איהר מוזט, און איהר וועט פארקויפען, זאָג איך אייך, מאדאַם. ווארום איהר מוזט פארקויפען.

און זיא האָט איהר אָנגעהויבען צו ערקלעהרען איהרע פּלענער. אויב זיי וועלען פערקויפען „פּאפּעל־בוימער" און דיא צוויי הויפען וועלכע זיינען נאָהענט צו „פּאפּעל־בוימער" צו א גוטען סוחר, וועלכען מען קען געפינען, וואָלט מען געקענט אויפהאַלטען דאַן דעם מאיאָנטעק פון סענט לעאמארד; ווארום מען וועט קענען דאַן אָבצאָהלען אַלע שולדען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אויף יענעם מאיאָנטעק. ווען דער מאיאָנטעק פון סענט לעאמארד וואָלט בלייבען ריין וועט ער דאַן איינטראָגען א ריינעם איינקונפט פון אכט טויזענד דריי הונדערט פראַנק א יאָהר.

זיא האָט איהר דערנאָך ערקלעהרט א ווייטערן חשבון, וויא מען זאָל זיך באַנעהמען מיט דיעזען איינקונפט: דרייצעהן הונדערט פראַנק דאַרף מען אָבלייגען יעדען יאָהר פאר רעמאָנטירען און פאר ווירטהשאַפטען מיט׳ן מאיאָנטעק. דאַן וואָלט בלייבען זיבען טויזענד פראַנק א יאָהר. פון דיעזע וועט פינף טויזענד פראַנק אוועקגעהען יעהרליך אויף הוצאות צום לעבען. דיא איבע־

רינגע קען מען זאַמלען אויף א נויטהיגער צייט.

— דאָס איז אַלעס וואָס מען קען ראַטעווען, ווייטער איז אַלעס פער־פאַלען, פערלאָרען. קיין איין גראָשען מעהר קען מען ניט ארויסבעקומען פון דיא גאַנצע עשירות, וואָס עס איז א מאָל געווען. און דעם שליעסעל פון באַנק וועל איך האַלטען ביי זיך. יאָ. און וואָס מאַסיע פּאָול אנבעלאַנגט וועט ער ביי אונז א גראָשען ניט באַקומען. ניט א גראָשען, וויא איך זאָג אייך. ווארום ער וועט פארשווענדען, אז עס וועט גאַרנישט בלייבען, דעם לעצטען גראָשען אייערן וועט ער פארשווענדען.

— יאָ, אָבער וויא איז א שטייגער אויב ער האָט ניט פון וואָס צו לעבען— האָט זשאַנע געוויינט, ווען ראָזאַליע האָט איהר געמאַכט דעם גאַנצען חשבון.

— נו, אויב ער וועט זיין הונגעריג, זאָל ער קומען אהער, זאָל ער קומען צו־ריק אהיים. עס וועט אַלע מאָל זיין אנגעגרייט פאַר איהם וואו צו שלאָפען און וואָס צו עסען. דיינקט איהר, אז ער וואָלט געטהאָן דיא אַלע נארישקיי־טען זיינע, אויב איהר וואָלט איהם ניט געגעבען קיין געלד גליך פון אָנ־הויב ?

— אָבער ער האָט דאָך געהאַט שול־דען און וואָלט פערלירען זיין נאָמען אלס עהרענמאַן.

— און ווען ביי איך וועט קיין געלד ניט בלייבען — האָט ראזאליע א פרעג געטהאָן — וועט דאָס דען איהם אָבהאַלטען פון צו מאַכען חובות ? איהר האָט איין מאָל בעצאהלט פאַר איהם. דאָס איז שוין רעכט. אָבער גענוג. נאָך איין מאָל וועט איהר ניט צאָה־לען. דאָס זאָג איך אייך, מאַדאַם. און איצט שלאָפט געזונדערהייט. גוטע נאַכט, מאַדאַם.

און זיא איז ארוים פון צימער. ווען זיא איז ארויסגעגאַנגען האָט זשאַ־נע ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג. דער געדאַנק, אז מען וועט פארקויפען „פּאַפּעל־בוימער" און זיא וועט מוזען פערלאָזען דאָס הויז, וואו זיא האָט פערבראַכט איהר גאַנצען לעבען כמעט, האָט זיא ניט געלאָזט רו־הען און געטריבען איהר שיער צום וואהנזינען.

אויף מאָרגען אין דער פריה ווען ראָזאַליע איז אריינגעקומען אין איהר צימער, האָט זשאַנע איהר א זאָג געטהאָן :

— ניין, ראָזאַליע, איך וועל קיין מאָל ניט קענען פערלאָזען „פּאַפּעל־בוימער".

דיא דיענסט איז געוואָרען אַן אויפגעקאָכטע.

— איהר וועט דאָך אָבער מוזען, מאַדאַם. דער נאָטאַריוס קומט באַלד צו פאָהרען מיט א מאַן, וועלכער וויל אָבקויפען דעם שלאָס. אויב איהר פערקויפט איהם איצט ניט וועט ביי אייך קיין גראָשען ניט בלייבען ביי לייב און זעעל אין צייט פון פיער יאָהר.

זשאַנע איז געווען נידערגעשלאַגען און האָט נור געמורמעלט נאָכאַנאַנד :

— איך וועל קיין מאָל ניט קענען, איך וועל קיין מאָל ניט אים שטאַנד זיין אוועק פון דאַנען.

אין א שטונדע ארום האָט דער בריעפּענטרעגער געבראַכט א בריעף פון פּאָול'ען. אין בריעף האָט ער ווידער געבעטען אַן אנלייהע אויף צעהן טוי־זענד פראַנק. זשאַנע האָט א צושראָ־קענע אָנגעהויבען מישב זיין זיך מיט ראָזאַליען, וועלכע האָט א הויב גע־טהאָן איהרע הענד אין דער הויך און האָט אויסגעשריען :

— אָט האָט איהר ; וואָס האָב איך אייך געזאָגט, מאַדאַם ? איהר וואָלט ביידע געווען רואינירט, ווען עס וואָלט ניט געטראָפען דער גליק, אז איך זאָל קומען צוריק אהער.

זשאַנע האָט געמוזט איינגעהען אויף איהר דיענסטס פערלאַנג און האָט געשריעבען פאָלגענדען בריעף צו איהר זוהן :

„מיין טהייערער יונג : — איך

קען מעהר קיין זאך פאר דיר ניט טהאן. דוא האסט מיך רואינירט. אזוי וויא דיא לאגע איז איצט מוז איך פערקויפען דעם „פאפעלבוימער" שלאס. אָבער פארגעס קיין מאָל ניט, אז דוא ויעסט אימער געפינען א היים ביי דיין אלטע מוטער, וועלכער דוא האסט פערשאפט אזוי פיעל יסורים."

ווען דער נאטאריוס איז אנגעקומען מיט מ. זשעאַפראן, א געוועזענער צו־קער־פאבריקאנט, האט זיא זיי שוין פערזענליך עמפפאנגען און האט זיי אליין געפיהרט אויסוויזען אלע פלע־צער.

אין א מאָנאט ארום האט זיא אונ־טערגעשריעבען דעם קאָנטראקט, אז זיא האט פערקויפט דעם שלאָס, און אין דערזעלבער צייט האט זיא געקויפט א קליין הויז אין מאנטווילליע לעבען דעם שטעדטעל פון באטעוויל.

זיא האט ביז שפעט אין אבענד ארומשפאצירט אין איהר מוטער'ס אלעע מיט א צובראָכענעם הארצען און א צו־בראָכענעם פערשטאנד. זיא האט זיך אָבגעזעגענט מיט די בוימער, מיט'ן האָריזאנט, מיט דיא ביינק אונטער דיא בוימער, מיט אלע זאכען, וואס זיא האט אזוי גוט געקענט און צו וועל־כע זיא איז געוועזען אזוי געוועהנט; מיט דערביידעל אין גאָרטען, מיט דעם קליינעם בערגעל אויף דער לאנקע, וואו זיא פלעגט אזוי אָפט זיצען און פון וואַ־נען זיא האט דאן נאָכגעקוקט דעם גראף דע פארוויל אין יענעם שרעקלי־כען טאָג פון זשוליאן'ס טויט; זיא האט זיך אָבגעזעגענט מיט אן אל־טען אונטערגעהאקטען בוים, אויף וועלכען זיא פלעגט זיך אָפט אנשפאַ־רען, מיט דעם גאנצען גארטען, וועל־כער איז פאר איהר געוועזען אזוי פאמי־ליאר. ענדליך האט ראָזאליע גע־מוזט ארויסגעהען און אריינגעהמען איהר צוריק אין הויז.

א הויכער פויער, א יאָהר פינף און צוואנציג אלט האט געווארט ביים טהיר. ער האט באגריסט זשאַנען מיט א פריינדליכען טאָן אזוי וויא ער וואלט זיא שוין קענען צייט יאָהרען.

— גוטען טאָג, מאדאם, פיהלט איהר גוט? דיא מוטער האט מיר געהייסען אכטונג געבען אויף דעם אי־בערפיהרען דיא זאכען. איך וואָלט וועלען וויסען וואס איהר ווילט נעהמען; ווארום איך וויל אריבערפיהרען ביס־לעכווייז, אז דאס זאָל מיר ניט שטע־רען אין מיינע ארבייט.

דאָס איז געוועזען איהר דיענסט'ס זוהן, זשוליאן'ס קינד און איהר פאול'ס ברודער.

זשאַנען האט זיך געדוכט אזוי ויא איהר הארץ וואָלט אויפהערען צו קלאפען, און דאך האט זיא עפעס געפיהלט דערביי אזוי ווי צו קוסען דעם יונגען מענשען. זיא האט איהם גוט בעטראכט, זיא האט געוואָלט זעהען צו וועט זיא געפינען אן עהנליכקייט צווישען איהם און איהר מאן אָדער איהר זוהן.

ער איז געוועזען א רויטער, בלוי־אויגיגער, בלאָנד־האָריגער, אזוי וויא זיין מוטער. און דאך האט ער אויס־געזעהען אזוי וויא זשוליאן. אין וואס איז געוועזען דיא עהנליכקייט? דאס וואָלט איהר געוועזען שווער צו זאָגען, אָבער עפעס איז געוועזען אין זיין גאנ־צער געשטאלט, וואס עס האט דער־מאהנט אויף זיין פאטער.

— ווען איהר וואָלט מיר געקענט איצט ווייזען דיא זאכען — האט ער ווייטער געזאָגט — וואָלט איך אייך זעהר דאנקבאר זיין.

אָבער זשאַנע האט נאך ניט ענט־שיעדען וואס זיא זאָל מיטנעהמען פון דיא זאכען. איהר נייעס הויז איז געוועזען אזוי קליין. זיא האט איהם דארום געזאָגט, ער זאָל קומען נאך א מאָל ענדע וואָך, און דאן וועט זיא בעשליסען.

דאָס איבערקלייבען זיך האט איהר געגעבען א נייע בעשעפטיגונג און דאָס איז געוועזען א שטיקעל פערטרייב אין איהר מאָנאָטאָנעם לעבען.

זיא איז געגאנגען פון צימער צו צימער נאָכקוקען דיא שטיקער מעבעל,

וועלכע זיינען געווען פערבונדען אין איהר זינען מיט וועלכע ניט איז ערשיינונגען: פריינדליכע זאכען, וועלכע זיינען געווען א טהייל פון איהר לעבען און כמעט פון איהר גאנצען וועזען, זאכען וואס זיא האט געקענט פון קינדרווייז אָן און מיט וועלכע עס זיינען געווען פערבונדען ערינערונגען פון פריידען און ליידען; זיי זיינען געווען אזוי וויא דאטען אין דער געשיבטע פון איהר לעבען, שטומע חברים פון איהרע פרעהליכע און פון איהרע טרויעריגע שטונדען, וועלכע האָבען זיך געעלטערט צוזאמען מיט איהר און זיינען געוואָרען אָבגעניצעוועט און אָבגעטראָגען.

איינס ביי איינס האט זיא אויסגעקליעבען דיא זאכען. אָפט פלעגט זיא לאנג שטעהען און לאנג נאָכדיינקען וואס צו נעהמען און וואס ניט, און זיא פלעגט בייטען יעדע וויילע איהר בעשלוס.

יעדע וויילע פלעגט זיא זיך אָבשטעלען און איהר פלעגט שווער זיין צו ענטשיידען, וועלכע צ. ב. ש. פון דיא צוויי שטוהלען זיא זאָל אָבקלייבען אָדער וועגען אן אלטען שרייב־טיש, א קאָמאָד, א. ז. וו.

זיא האט צועפענט אלע שופלאָדען אום איינצוקוקען זיך און ערינערען זיך וועגען זאכען, וועלכע זיינען שוין לאנג, לאנג פערביי, און ענדליך פלעגט זיא זיך שוין ענטשליסען צו זאָגען:

— יא, דאס וועל איך נעהמען.

און גלייך פלעגט דאס אראָבגעטראָגען ווערען און אָבגעשטעלט ווערען בעזונדער אין עסס־צימער. זיא האט אנדערש ניט געוואָלט וויא דעם גאנצען גארניטור פון שלאָף־צימער איבערפיהרען, דיא בעט, דעם זייגער, דיא גארדינען, פאקטיש אלעס.

זיא האט אָבגעקליעבען איינינע פון דיא זאאל־מעבעל, דיא וואס האָבען זיא אזוי אמוזירט ווען זיא איז געווען א קינד, מיט דיא אויסגעשטיקטע בילדער „דער פוקס און דער שטארך,“ „דער פוקס און דער ראָב“, „דיא מוראשקע און דער היישעריק“. דערנאָך ווען זיא האט שוין אויסגעקוקט יעדען ווינקעלע פון הויז און איז שוין געווען מיט אלעס פארטיג, איז זיא איין טאָג ארויף אויפ'ן בוידעם.

זיא האט זיך אָבגעשטעלט אויפ'ן שוועל אן ערשטוינטע; א גאנצע מאסע זאכען האָבען בעגריסט איהר בליק, מאנכע צובראָכענע, מאנכע פארשמירטע, פארפלעקטע און זיינען ארויסגעשטעלט געוואָרען, ווייל זיי האָבען שוין מעהר ניט געטויגט. זיא האט דערזעהען פיעלע זאכען, וועלכע זיינען איהר איצט געווען אזוי בעקאנט און וועלכע זיינען שוין לאנג פערשוואונדען, אז קיינער האט אפילו ניט באמערקט זייער פארשווינדען.

קליינינקייטען, וועלכע זיינען געווען ארום איהר שוין צייט פינפצעהן יאָהר, וועלכע זיא האט אָבער קיין מאָל פריהער עפעס ניט באמערקט, אָבער וועלכע זיא האט איצט דערזעהען, זיינען פאר איהר פלוצלונג טהייער געוואָרען אלס עדות פון לאנגער פערגאנגענהייט. זיי האָבען אויף איהר געמאכט דעם איינדרוק אזוי וויא מאנכע מענשען, וועלכע מען באגעגענט מאנכע מאָהל אָפט, קיין מאָל ניט ענטדעקענדיג זייערע אינערליכע געדאנקען, און וועלכע פלוצלונג אין איין נאכט, גאר אונערווארטעט, הויבען אָן צו ריידען וועגען זיך און צו אונזער איבערראשונג עפענען זיך פאר אונז זייערע אונפערדעכטיגטע נשמות.

פון איין זאך צו דער אנדערער איז זיא צוגעגאנגען, באוועגט און געריהרט און האט אלץ געמורמעלט, ערינערענדיג זיך באזונדער וועגען יעדער זאך:

— אָ, דיעזע פארפארענע טאסס האָב איך דאך צובראָכען איין אבענד עטליכע טעג פאר מיין חתונה. און אָט איז מאמא'ס לאנטערנע און דאס איז דעם טאטענ'ס שטעקעל, וועלכען ער האט צובראָכען ווען ער האט געוואָלט אָבשפארען דיא טויער אמאָל.

עס זיינען געווען פיעל זאכען, וועלכע זיא האט בשום אופן ניט גע־

קענט דערקענען, וואָרום זיי האָבען נאָך בעלאַנגט צו איהרע אור־עלטערן. דאָס זיינען געווען זאַכען, פאַר וועלכע עס איז שוין אין איהרע יאָהרען קיין פּלאַטץ און קיין צייט ניט געווען. דאָס זיינען געווען זאַכען, וועמעס געשיכטע זיינען קיינעם ניט געווען בעקאַנט, ווייל דיא וואָס האָבען זיי געקויפט, וואָס האָבען זיך מיט זיי אינטערעסירט — זיינען שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ.

קיינער האָט שוין ניט געקענט דיא מענשען, וועלכע האָבען פאַרמעגט דיזע זאַכען, וועלכע האָבען זיי געליעבט און דיא הענד, וועלכע האָבען זיי בעריהרט, אָדער דיא אויגען, וועלכע האָבען אויף זיי געקוקט מיט הנאה. אָבער זשאַנע האָט געהאַט עפּעס א בעזונדער הנאה אין אַנקוקען דיזע זאַכען, אנריהרען דיא מיט שטויב בערעקטע ערות פון דער ווייטער פערגאַנגענהייט.

א לאַנגע צייט איז זיא געשטאַנען אין דיזען וואונדערליכען ביידעם, אונטער דעם מאַטען שיין, וועלכער האָט אריינגעלויכטען אין דיא האַך־שויבען, זי האָט בעקוקט אויפמערקזאַם שטוהלען אויף דריי פיסלעך, האָט געטראַכט צו וועט זיא ניט קענען דערמאַנען זיך עפּעס וועגען זיי, און א גאַנצע מאַסע פון קיך־געשיר האָט זיא בעקוקט.

דאַן האָט זיא אויסגעשטעלט א ליסטע פון דיא זאַכען, וועלכע זיא האָט געוואָלט מיטנעהמען אין דער נייער דירה און איז אראָבגעגאַנגען צו ראָזאַליען זאָגען, אז זיא זאָל זיי אראָבטראָגען. דיא אויפגערעגטע דיענסט האָט אָבער אָבגעזאָגט זיך פון צו שלעפּען דיא „אַלטע שמאַטעס". און גראָדע דעריין האָט זשאַנע, וועלכע האָט אין אַלעס אנדערע נעפאָלגט דיא דיענסט, זיך איינגעשפּאַרט און זיא האָט געמוזט אויספיהרען.

איין פריה־מאָרגען איז דער יונגער פּאַרמער, זשוליאַנס זוהן, דעניס לעקאָק, צוגעפאָהרען מיט א וואָגען און האָט אוועקגעפיהרט די ערשטע לאַדונג. ראָזאַליע איז מיט איהם מיטגעפאָהרען אום אַליין אַכטונג צו געבען וויא אַלעס זאָל זיין אראַנזשירט און אויסגעשטעלט.

ווען זשאַנע איז געבליעבען אַליין האָט זיא אָנגעהויבען ארומצוגעהן איבערן שלאָס מיט א שרעקליכער פערצווייפלונג; זיא האָט געקוסט מיט טיעפער ליעבע דיא זאַכען, וועלכע זיא מוז איבערלאָזען, דיא גרויסע ווייסע פויגלען און דיא טאַפּעטען פון זאַאל, דיא אַלטע לייכטער; פּאַקטיש אַלעס, אויף וואָס נור עס איז געפאַלען איהר בליק. זיא איז געלאָפען פון איין צימער אין דעם אנדערען, איהרע אויגען אָנגעפילט מיט טרעהרען; אין קאָפּ האָט זיך איהר גערמישט. און דאַן איז זיא ארוים אָבצוזעגענען זיך מיט'ן ים.

דאָס איז געווען שוין נאָהענט פון ענדע סעפּטעמבער; א גרויער, בלייכער הימעל איז געהאַנגען איבער דער ערד; דער געלער ברעג האָט זיך געצויגען ווייט ווייט ביז וואַנען מען האָט שוין מעהר מיט'ן אויג ניט געקענט כאַפּען. זשאַנע איז געשטאַנען א לאַנגע צייט אויפ'ן שפּיץ פון פעלזען־ברעג און טרויעריגע געדאַנקען זיינען דורכגעלאָפען אין איהר מח. ווען עס איז שוין פינסטער געוואָרען האָט זיא זיך ערשט געכאַפּט, אז זיא שטעהט דאָ און האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אין שלאָס. אין דיעזען טאָג האָט זיא דורכגעליטען אינערליך אזוי פיעל מעהר איידער זיא האָט אויסגעליטען אין וועלכען עס איז אנדערע טאָג פון איהר לעבען.

ראָזאַליע האָט זיך שוין לאַנג צוריקגעקעהרט פון דער נייער דירה און האָט געוואַרט אויף איהר. זיא איז געווען אזוי צופריעדען פון דעם נייעם וואָהנונג, אז זיא האָט אָנגעהויבען צו צוגיסען זיך און לויבען און שעצען דיא נייע צימערן. וואו? זיי זיינען ניט דער ערך לעבעדיגער און אנגענעהמער איידער דיזע ברייט…

פּע סטאַדאָלע, וועלכע ליעגט אן א זייט און איז אפילו ניט נאָהענט ביי'ם וועג, זשאנע האָט אָבער דיזען גאַנצען אבענד געהאַלטען אין איין וויינען.

דעם גאַנצען אבענד האָט זשאנע פערבראַכט אין וויינען.

זינט דיא בויערן האָבען דערהערט, אַז דער שלאָס איז צום פערקויפען, האָבען זיי געוויעזען זשאנען בלויז אַזוי פיעל רעספּעקט וויעפיעל איהר האָט אַבּסאָלוט געקומט. אונטער דיא אויגען פלעגען זיי זיא רופען „דיא משוגענע פּריצ'טע", אליין ניט וויסענדיג אפשר פאַר וואָס זיי רופען זיא אזוי. אָבער זיי האָבען אינסטינקטיוו געטראָפען, אַז זיא איז עפּעס צו סענטימענטאַל, קראַנק פון צופיעל גוט־הערציגקייט, פון צופיעל איבערטריבענע געפיהלען און פון א ליידענדע נשמה.

א טאָג פאַר איהר אָבשיעד נעהמען פון שלאָס, איז זיא צופעליג אַריין אין דיא שטאַהלען. א טרויעריגער סקאווי־צען האָבען איהרע אויערן דערהערט. דאָס איז געווען דער הונד „הריגה", וועגען וועלכען זיא האָט גאָר פערגעסען שוין צייט מאָנאַטען. זייענדיג בלינד, פּאַראַליזירט און צו אַלט פאַר הינדישע יאָהרען, האָט ער געלעבט נאָך, ליגענדיג אויף שטרוי, וואו דיא קעכין לודווין האָט אויף איהם ניט פערגעסען און פלעגט איהם צוברייננגען עסען.

זשאנע האָט גענומען דעם אַלטען, קראַנקען הונד אויף דיא הענד, האָט איהם געקוסט און האָט איהם אַריינגענומען אין הויז. ער איז געווען שווער און האָט שוין כמעט גאָר ניט געקענט האַלטען זיך אויף זיינע פיס, און גע־האַוקעט האָט ער מיט א קוויטש, אַזוי וויא דיא שפּיעל־הינד, פון וועלכען קינדער האָבען הנאה.

ענדליך איז דער לעצטער טאָג אָנגעקומען. זשאנע איז געשלאָפען אין זשוליאַנס שלאָף־צימער, ווארום איהר אייגענער שלאָף־צימער איז געווען לע־דיג, אָהן מעבעל. זיא איז ארויס פון בעט א מיעדע און אָהן אָטהעם אַזוי וויא זיא וואָלט דאָס ניט געלעגען דיא גאַנצע צייט, נור געלאָפען אָהן אָטהעם.

דער וואָגען, אָנגעלאָדען מיט קאַס־טענס און מיט דיא איבעריגע מעבעל איז שוין געשטאַנען אין הויף. א צווייי־רעדערדיגער וועגעל איז צוגעשפּאַנט גע־וואָרען פון הינטען און אין איהם האָבען זיך געדאַרפט אַריינזעצען דיא ווירטהין און דיא דיענסט.

דער אַלטער סימאָן און דיא קעכען לודיווין האָבען נאָך געדאַרפט בלייבען ביז וואַנען דער נייער ווירטה וועט זיך אַריינקלייבען, און דאַן וועלען זיי אַוועק וואָהנען ערגעץ ביי זייערע קרובים; זשאנע האָט זיי בײדען בעזאָרגט מיט פּענסיאָן. א חוץ דעם האָבען זיי געהאַט אַביסעל זייערע אייגענע אָבגעשפּאַרטע. זיי זיינען שוין איצט זעהר אַלט געווען און האָבען שוין ווענוג געטויגט צו דער ארבייט. מאַריוס איז שוין לאַנג אַוועק; ער האָט חתונה געהאַט.

א זייגער אַכט האָט אָנגעהויבען צו רעגענען; דאָס איז געווען א קאַלטער, אייזיגער, דראָבנער רעגען, געטריעבען זיי האָבען געמוזט פאַרציהען דיא פוה־רעל מיט דעקעס איבער'ן קאָפּ. דיא בלעטער זיינען שוין געפאַלען פון דיא בוימער.

צוויי טאַסס קאַפּעע זיינען געשטאַנען אויפ'ן טיש אין קיך. זשאנע האָט זיך געזעצט ביים טיש און האָט שטיל געזופּט איהר טאַסס קאַפּעע; אין א ווייַלע אַרום האָט זיא זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

— לאָמיר געהן.

זיא האָט אָנגעטהאָן איהר הוט, איהר שאַל, און ווען ראָזאַליע האָט אָנגעטהאָן איהרע קאַלאָשען, האָט זיך זשאנע דערמאָנט:

— געדענקסט דוא, ראָזאַליע, ווי עס האָט גערעגענט, ווען מיר האָבען פערלאָזען רוען צו קומען אהער קיין פּאַ־פּעלבוימער?

מיט איהר האָט געטראָפען א ספּאַזמען און זיא איז צוריקגעזונקען אין א מין אָהנמאַכט. א גאַנצע שטונ־דע האָט זיא אויסגעזעהען וויא א טוי־

טע; דאן האָט זיא געעפענט איהרע אויגען און האָט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין; איהר גאנצער קערפּער איז גע־ווען אין קאָנוואולסען.

ביסלעכוויז איז זיא געוואָרען אלץ רוהיגער; אָבער זיא האָט זיך שוין געפיהלט אזוי שוואך, אז זיא האָט זיך ניט געקענט אויפהויבען פון פּלאַץ. ראָ־זאַליע האָט מורא געהאט, אז אויב מען וועט בלייבען דאָ נאָך לייגגער וועלען נאָך אייניגע מאָהל מיט איהר פּאַסירען אזעלכע זאכען, און זיא האָט אַ רוף געטהאָן איהר זוהן.

זיי האָבען ביידע אַ נעהם געטהאָן זשאנען אונטער דיא הענד, האָבען זיא ממש צוגעטראָגען צום פוהר און האָבען זיא אוועקגעלייגט אויפ'ן זיץ־ביינקעל, וועלכען זיי האָבען צוגעדעקט מיט סאַ־ראַטע; דאָן האָט דיא דיענסט אייגגע־דעקט איהר ווירטהינס פיס, האָט ארויפגעוואָרפען אַ מאַנטעל איהר אויפ'ן פּלייצע, האָט אַן עפען געטהאָן דעם שירעם, האָט זיך אריינגעזעצט און האָט אַ געשריי געטהאָן:

— נו, אביסעל שנעלער, דעניס; מען דאַרף אָבפאָהרען אמאָל.

דער יונגער מאַן האָט אַ שפּרונג געטהאָן אויף דיא קאָזלעס, האָט אַ שמיץ געטהאָן דיא פערד, וועלכע האָ־בען זיך געגעבען אַ ריס פאָראויס און דיא פוהר האָט געשליידערט דיא פאַ־סאַזשירען אין אלע זייטען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום ברעג פון דאָרף האָבען זיי דערזעהען אימיצען ארומגעהענדיג היין און צוריק איבער'ן וועג. דאָס איז געווען דער גלח, פאַטער טאלביאַק, וועלכער האָט גע־וואַרט אויף זיי, וויא עס האָט אויס־געזעהען.

ער האָט זיך אָבגעשטעלט צו לאָ־זען דורכפאָהרען דעם וואָגען. ער האָט אונטערגעהאַלטען דיא פאָלעס פון זיין שוואַרצען קיטעל, מורא האָבענדיג ער זאָל זיך ניט פערשלומפּערען אין בלאָ־טע, און זיינע דינע שוואַרצע זאָקען־דיגע פיס האָבען געשטעקט אין קויט באַרעקטע שיך.

זשאנע האָט אראָבגעלאָזען דיא אויגען ניט צו באַגעגנען זיין בליק. אָבער ראָזאַליע, וועלכע האָט אלעס גע־וואוסט, איז געוואָרען אַן אויפגעבראַכ־טע.

— לומפּ! לומפּ! — האָט זיא געבורטשעט.

דערנאָך האָט זיא זיך אַ קעהר גע־טהאָן צו איהר זוהן און האָט איהם אַ זאָג געטהאָן:

— דעניס, גיב איהם אָקאָרשט אַ גוטען שפּריץ.

וויא זיי זיינען נור צוגעקומען נאָ־הענט פון'ם גלח האָט דער יונגער פוהרער אַ קירעווע געטהאָן דיא פערד גלייך אין אַ לוזשע אריין און נאָך זיי דער וואָגען מיט דיא רעדער, אז עס האָט געגעבען אַ שאָס אַ שטראָם בלאָטע און האָט בעגאָסען דעם גלח פון קאָפּ ביז דיא פיס.

אַ גליקליכע פון דיעזען איינפאַל האָט ראָזאַליע נאָך פאַרמאַסטען זיך געגען דעם גלח מיט איהר קולאַק, וועה־רענד ער האָט גענומען ווישען זיין פּנים מיט זיין טאַשענטוך. זיי האָבען נאָך ניט צייט געהאַט דורכצופאָהרען אַ לייננגערע שטרעקע, וויא זשאנע האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן:

— מיר האָבען דאָך פאַרגעסען מיטצונעהמען „הריגה".

זיי האָבען זיך געמוזט אָבשטעלען; דעניס האָט געמוזט אראָבקריכען פון וואָגען און לויפען צוריק אין שלאָס צו ברייננגען דעם אלטען, בלינדען הונד, וועהרענד זיין מוטער האָט דערוויילע צוגעהאַלטען דיא לייצעס. דעניס איז באַלד געלאָפען צוריק מיט דעם הונד אויף דיא הענד; ער האָט איהם אַ לייג געטהאָן צווישען דיא צוויי פרויען.

דיא זוכונג פון פאולען.

אין צוויי שטונדען ארום האָט זיך דיא פוהר אָבגעשטעלט לעבען אַ קליינעם געמויערטען הויז, וועלכעס איז געשטאַנען אין מיטען פון אַ גאָרטען פון באַרען־בוימער נאָהענט פון וועג. פיער ביידלעך מיט גרינס און בלומען באַרעקט זיינען געווען אין אלע פיער

עקען פון גארטען. דער גארטען איז גע־
ווען איינגעטהייקט האלב אין א גרינס־
גארטען און האלב אין א גארטען פון
פרוכט־בוימער.

דער גאנצער הויף איז געווען
איינגעשלאסען אין א צאם, וואס האט
אבגעטהייקט דיזע פערמע פון דיא אנ־
דערע פערמעס פון דיא שכנים. אויפ'ן
וועג, פאר א 200 פוס ווייטער איז גע־
ווען א שמידס קוזניע.

דיא נעהנסטע וואהנונגען זיינען
געווען אונגעפעהר א קילאמעטער פון'ם
הויז. פון דאנען האבען זיך געזעהען א
גרויסער פלאכער פלאץ, דאס פלאכ־לאנד
פון דע־קאו, אזוי וויא אנגעפינטעלט מיט
פערמעס, וועלכע זיינען געווען איינגע־
שלאסען אין א דאפעל־רייהע פון הויכע
בוימער און דער גאנצער ברעג ארומגע־
זיימט מיט עפעל־גארטענס.

ווען זיי זיינען אנגעקומען האט
זשאנע געוואלט אברוהען, אבער ראזא־
ליע האט דאס איהר ניט ערלויבט, מורא
האבענדיג, אז איהר רוהע וועט זיא
אריינציהען אין א מעלאנכאלישען פער־
טראכטען זיך ווידער. דער מישלער פון
גאדערוויל איז דארט געווען, פארטיג צו
העלפען אין איינשטעלען אלעס. ניט
ווארטענדיג ביז וואנען דיא אנדער לא־
דונג מיט מעבעל וועט קומען האבען זיי
אנגעהויבען אויסצושטעלען דאס וואס
מען האט שוין געבראכט.

דאס איז געווען ניט אזוי גרינג. צו
יעדע זאך אוועקשטעלען האט מען גע־
דארפט טראכטען און דיסקוטירען, וואס
עס פאסט און וואס עס פאסט זיך ניט.
אין א שטונדע ארום איז אנגעקומען
דער צווייטער וואגען און מען האט איהם
גלייך געמוזט אויסלאדען איבער'ן רעגען.

ווען עס איז שוין געווארען נאכט
איז דאס הויז געווען אין א שרעקליכען
צושטאנד, אנגעפילט פון אונטען ביז
אויבען מיט פערשיעדענע זאכען, מע־
בעל, קאסטענס, שאכטלען, אנגעשטעלט
איינע אויף דיא אנדערע. און דיזע נאכט
איז זשאנע, וועלכע איז געווען שרעקליך
מיעד, איינגעשלאפען אזוי גיך וויא נור
זיא האט אוועקגעלייגט דעם קאפ אויפן
קישען.

אויף מארגען איז זיא געוועזן אזוי
בעשעפטיגט, אז זיא האט שוין ניט
צייט געהאט אזוי פיעל צו טראכטען.
זיא האט אפילו גענומען זיך דעם פער־
גענינגען אין אויספוצען איהר נייע וואה־
נונג, ווארום דער געדאנק, אז עס קען
מעגליך זיין דאס איהר זוהן וועט קומען
צו פאהרען אמאל האט זיא אויף קיין
איין ווייל ניט אבגעלאזען.

דיא פארהאנגען, וועלכע זיינען גע־
האנגען אין איהר פריהערדיגען שלאף־
צימער, האט זיא איצט איינגעריכט אין
איהר עסס־צימער, וועלכער איז שוין אין
דע־זעלבער צייט געווען אויך א זאאל.
בעזונדער אויפמערקזאם האט זיא אבער
געזעהען איינצואורדנען איינעם פון דיא
צוויי צימערן אויף דעם אויבערשטען
עטאזש. זיא האט ביי זיך אין זינען דאס
א נאמען געגעבען „פאולעטס אפארט־
מענט“. דעם צווייטען צימער האט זיא
געהאלטען פאר זיך און ראזאליע האט
פערנומען דעם צימער וואס איז נאהענט
צום בוידעם.

דאס קליינע הויז איז ווירקליך גע־
ווען זעהר פרעכטיג, און אין צייט פון
דיא ערשטע פאאר וואכען האט עס זשא־
נע זעהר ליעב בעקומען, אבוואהל זיא
האט געפיהלט, אז עפעס פעהלט. ניט
וויסענדיג אליין בעשטימט וואס איי־
גענטליך עס פעהלט.

איין פריהמארגען האט דער קלערק
פון דעם נאטאריוס איהר געבראכט דריי
טויזענד מיט זעקס הונדערט פראנק. דאס
איז געווען דאס געלד וואס איז אויס־
געלייזט געווארען פאר דיא מעבעל,
וואס איז איבערגעבליעבען אין „פאפעל־
בוימער“, וויא א מעבעל־הענדלער האט
אבגעשאצט.

ערהאלטענדיג דאס געלד האט זשא־
נע א ציטער געטהאן פון פערגניגען, און
אזוי גיך וויא דער קלערק פון נאטאריוס
איז ארויסגעגאנגען, האט זיא אנגעטהאן
איהר היטעלע מיט דעם צוועק צו געהן
קיין גאדערסוויל און אוועקשיקען דיזע

כומע געלה, וועלכע איז איהר געקומען
אזוי אונערוואַרטעט, צו פּאוּלען.

אָבער געהענדיג שנעל אויפ'ן וועג
צום שטעדטעל, האָט זיא אַנגעטראָפען
ראַזאַליען, וועלכע האָט זיך אומגע־
קעהרט נור וואָס פון מאַרק, וואוהין
זיא איז געגאַנגען איינקויפען זאַכען. די
דיענסט איז גלייך עפּעס געוואָרען פאַר־
דעכטיג, אָבוואָהל זיא האָט ניט
פערשטאַנען גלייך וואָס עס איז
פאָרגעקומען וואָס זשאַנע געהט עפּעס
אין מיטען דערינען אין שטעדטעל.
אָבער ווען זיא האָט זיא גענומען פרע־
גען און האָט אויסגעפונען אום וואָס עס
האַנדעלט זיך, ווארום זשאַנע האָט ניט
געהאַט דיא שטאַרקייט פון צו בעהאַל־
טען פון איהר עפּעס, האָט ראַזאַליע א
שטעל געטהאָן איהר קערבעל מיט זאַכען
אויף דער ערד, האָט א נעהם געטהאָן
דיא הענד אין דיא באַקעס און האָט
אַנגעקוקט איהר ווירטהין.

נאָכדעם האָט זי מיט איין האַנד
א נעהם געטאָהן זשאַנעס אָרעם, מיט
דער אַנדער האַנד אויפגעהויבען צוריק
דעם קערבעל און האָט זי גענומען פיהר־
רען צוריק אהיים. זשאַנע האָט זיך גע־
לאָזען. אזוי גיך וויא זיי זיינען נור
אריין אין הויז, איז זיא צוגעשטאַנען
צו זשאַנען, אז זי זאָל איהר אָבגעבען
דאס געלד; זשאַנע האָט נעפאָלגט, נור
וויא עס איז געקומען צו די לעצטע
זעקס הונדערט פראַנק, האָט זיא זיי
פערהאַלטען, דאס מוז זיא שיקען
פּאוּלען.

ראַזאַליע האָט ניט נאָכגעלאָזען.
זי מוז אָבגעבען איהר ביז א גראָשען.
נאָך לאַנגען שפּאַרען זיך, האָט ראַזאַליע
קוים ערלויבט, אז דיעזע קליינע סומע
זאָל אָבגעשיקט ווערען פּאוּלען.

אין עטליכע טעג ארום איז פון
פּאוּלען אָנגעקומען א בריעף, אין וועל־
כען ער האָט געדאַנקט פאַר דאס צו־
געשיקטע געלד.

—דו האָסט מיר געטאָהן א גרוי־
סע טובה — האָט ער געשריבען —
ווארום מיר זיינען געווען אין גרויסער
פערצווייפלונג.

זשאַנע האָט זיך דאָך ניט געקענט
צוגעוועהנען צום נייעם פּלאַץ. עס האָט
איהר אויסגעזעהען, אז זיא קען זיך
דאָרט ניט אָבאַטהמען אזוי ווי עס דאַרף
צו זיין, און זיא האָט אַנגעהויבען צו
פיהלען זיך עלענד מעהר איידער זיא
האָט זיך געפיהלט פריהער; זיא איז
געווען וויא א פערלאָרענע. זיא פלעגט
ארויסגעהען שפּאַציערען, פלעגט געהן,
געהן, אומקעהרען זיך צוריק, און וויא
זי פלעגט קומען אהיים פלעגט זיך
איהר דוכטען, אז זיא דאַרף עפּעס ווי־
דער געהן, ווארום זיא איז אַלץ עפּעס
ניט צוגעקומען צו דעם פּלאַטץ, וואו־
הין זיא האָט געוואָלט שפּאַציערען.

אזוי האָט דאס פּאַסירט מיט
איהר יעדען טאָג, און זיא האָט ניט
געקענט פערשטעהן די אורזאַכע פון
דיעזען זאָנדערבאַרען געפיהל. אָבער
איין מאָהל האָט זיא עפּעס פּלוצלינג
אליין ארויסגערעדט א וואָרט, וועלכער
האָט איהר אליין געעפענט דיא אוי־
גען אויף דער אורזאַכע דערפון. זיא
האָט פערשטאַנען פון וואַנען עס קומט
דיעזע ספּעציעלע אונרוהיגקייט אין
איהר גייסט.

זיצענדיג ביים עסען, האָט זי
עפּעס פּלוצלינג א זאָג געטאָהן:

—א, ווי איך וואָלט וועלען זעהען
דעם ים?

און דאס איז געווען נאָך וואָס זי
האָט אונבעוואוסט פאַר איהר אליין גע־
בענקט. זי האָט געבענקט נאָך דעם
ים, צו וועלכען זי איז געווען צוגע־
וועהנט צייט פינף און צוואַנציג יאָהר.
דער ים מיט זיין געזאַלצענע לופט,
מיט זיינע רוישענדע כוואַליעס, זיינע
ברויזענדע שטורעמדיגקייט, זיין קרעפּ־
טיגענדער ווינד; דער ים, וועלכען זיא
האָט יעדען טאָג געזעהען פון פענסטער
פון איהר הויז אין דעם שלאָס פון די
„פּאַפּעל־בוימער”, - וועמעס לופט זיא
האָט איינגעאַטהעמט טאָג און נאַכט,
דער ים, וועלכער איז דאָרט געווען אזוי
נאָהענט און וועלכען זיא האָט זיך

אויסגעלערנט צו ליעבען אזוי ווי מען ליעבט א מענשליכעס וועזען.

דער קראנקער הונד האָט זיך אויך ניט געקענט צו געוועהנען צום נייעם פּלאַטץ, איז אויך געווען בעפאַלען פון א שטענדיגער אונרוהיגקייט; ער האָט אויסגעקליעבען צו ליגען ביים קיך־אל־מער און פלעגט קיין מאָהל ניט וועלען ארויסקריכען פון יענעם ווינקעל. ער פלעגט דאָרט ליגען דעם גאנצען טאָג און ניט א ריהר טאָהן זיך פון אָרט. נור ווייל צו ווייל פלעגט ער זיך א קעהר טאָהן מיט א מין סקאַוויוצעי־דיגען קרעכץ.

אָבער ווי עס פלעגט נור ווערען נאכט, פלעגט ער זיך אויפהויבען און פלעגט זיך שטילערהייט אוועקשלעפּען אין גאָרטען, אָבשלאָגענדיג זיך בלינדערהייד געגען די ווענד, דאָן, ווען ער פלעגט דאָרט שטעהען א היבשע ווייַלע, פלעגט ער זיך שלעפּען צוריק, ארייַן אין קיך, צושפּאַרען זיך ביים וואַרעמען אויווען, און וויא נאָר זיין ווירטהין פלעגט זיך לעגען שלאָפען, פלעגט ער אָנהויבען וואויען, לאנג, טרויעריג, רחמנות'דיג מיט א דולען קול. ער פלעגט אמאָל אויפהערען אויף א שטונדע אדער מעהר, און דערנאָך פלעגט ער ווידער אָנהויבען וואויען און וואויען מיט דעמזעלבען קול, אָבער שוין אויף א העכערער אקטאַווע.

זיי האָבען איהם צוגעבונדען מיט א קייט צו א פּאָס לעבען הויז, האָט ער געוואויעט אונטער די פענסטער. עס איז אָבער געווען א רחמנות, ער איז געווען א קריפּעל, אַלט און נאָהענט פון קראַפּירען, האָבען זיי איהם געלאָזען וויעדער אריינקומען אין קיך.

פאר זשאַנען איז געווען אונמעגליך צו שלאָפען; צו אלע אנדערע זאַכען האָט זיא נאָך ניט געקענט אייַנשלאָפען איבער דעם וואויען פון הונד, וועלכער דאָט בשום אופן ניט געקענט צוגעוועהנען זיך צו דער נייער וואָהנונג. מיט קיין זאַך האָט מען איהם ניט געקענט איינשטילען. א גאנצען טאָג פלעגט ער שלאָפען, אזוי ווי דאָס בעוואוסטזיין, אז ער איז בלינד און קראנק און דארום איז ניט נוֹט פאר איהם ארומצושלעפּען זיך בייטאָג, ווען אלע געהען ארום הין און צוריק און קענען זיך אויף איהם אָנשטויסען. דערפאר אָבער ווען נאכט פלעגט אָנקומען און קיינער איז שוין ניט ארומגעגאנגען, פלעגט ער ארויסקריכען פון ווינקעל. איין אין־דער־פריה האָט מען איהם געפונען א טויטען. אלע האָבען זיך דערפיהלט דערפון גרינגער.

דער ווינטער איז שוין געווען כמעט אריבער. און זשאנע איז געווען בעפאלען מיט דער שרעקליכער פערצווייפלונג. דאס איז ניט געווען איינע פון יענע שאַרפע יסורים, וועלכע מאַטערן אויס יעדער פיבר פון דער נשמה, נור א טרויעריגע, דריקענדע מרה־שחורה. קיין ערמונטערונג איז איהר פון ערגעץ ניט געקומען. קיינער האָט זיך ניט געקימערט אום איהר.

דער וועג אין פראָנט פון הויז האָט זיך געצויגען צו רעכטס און צו לינקס און מעהרסטע צייט ליידיג פון פאָהרער און פון פוס־געהער. אמאָהל אין א נאָווינע פלעגט א וואָגען פערביי פאָהרען פארביי הויז געטריבען פון א רויט־פּנים'דיגען פויער וועמעס בלוזע, אָנגעבלאָזען פון ווינד פלעגט אויסזעהען פון ווייטען וויא א באלאָן; צייטענווייז פלעגט זיך א וואָגען מיט לאַדונג שלעפּען לאנגזאַם איבערן וועג; אמאָהל פלעגט אויך טרעפען אז צוויי מענשען פלעגען געהן אויפ'ן וועג און אזוי וויא צוויי פליגען אויפ'ן האָריזאָנט, וועלכע זיינען געוואַקסען און געוואַקסען, וואס נעהענטער זיי זיינען צוגעקומען צום הויז, און ווען זיי פלעגען פערבייגעהן פלעגען זיי אלץ קלענער און קלענער ווערן וואס ווייטער זיי פלעגען אָבגעהן פון הויז ביז זיי האָבען פון גאנץ ווייט אויסגעזעהן אזוי וויא צוויי אינזעקטען ביים סוף פון ווייטען ווייסען וועג.

ווען דיא גראָז האָט אָנגעהויבען

צו וואקסען, פלעגט זשאנע זעהען א קליין מיידעלע פערביינעהן יעדען טאָג פערביי הויז, פּאשענדיג צוויי מאָגערע קיה, וועלכע האָבען געגריזעט די גראָז ביי ביידע זייטען פון וועג, לעבען דיא קאנאוועס. אבענדס פלעגט די מיידעלע מיט דיא צוויי קיה שלעפּען זיך צוריק, געבענדיג איין טראט אין צייט פון צעהן מינוט.

און זשאנען פלעגט זיך יעדע נאכט חלום'ען, אז זיא וואָהנט נאָך אלץ אין „פּאפּעלבוימער". דאָרט וואָהנט זי ווידער צוריק וויא אמאָל מיט איהר פאטער און מוטער, און טאנטע ליזאן איז אויך מיט זיי.

זשאנע איז שטענדיג געווען פערטרוימט, שטענדיג פערטרונקען אין איהרע חלומות, און זיא האָט טרויעמעריש איבערגעלעבט איהר פערגאנגענעם לעבען ווידער אמאָהל. איהר פלעגט זיך אפילו דוכטען, אז זיא שפּאצירט נאָך מיט מאדאם אדעלאאידע אין איהר אלעע און זיא פיהרט איהר מוטער אונטער'ן ארעם. און יעדער מאָהל, ווען זיא פלעגט זיך אויפכאפּען פון איהר טרוים, פלעגט זיא זיך צו־וויינען.

זיא האָט אלץ געטראכט וועגען פּאָולען און האָט זיך געוואונדערט: וואס טהוט ער? מיט וואָס בעשעפטיגט ער זיך? וויא זעהט ער אויס? טראכט ער ווען עס איז וועגען איהר? און וואנדערענדיג איבער דיא פעלדער פלעגען איהרע געדאנקען זיא אזוי מאטערן, אזוי פּייניגען, אז זיא פלעגט אויסגעהן פון טאָג צו טאָג. פּייגליכער פון אלץ זיינען פאר איהר געווען דיא געדאנקען וועגען דער פרוי, וועלכע האָט פון איהר גערויבט איהר זוהן? זיא האָט יענע געהאסט מיט דער ביטערסטער שנאה. און בלויז צו פערדאנקען דיזען האס האָט זיא קיין זאך ניט פאָרגענומען צו בריינגען פּאָולען צוריק אָדער אריבערפאָהרען צו איהם.

זיא פלעגט זיך פאָרשטעלען, וויא דיזע פרוי עפענט פאר איהר דיא טהיר און גיט איהר א פרעג:

— וואָס ווינשט איהר, מאדאם?

איהר מוטערליכער שטאָלץ פלעגט אויפגעבראכט ווערען געגען דער מעגליכקייט גאָר צו האָבען אזא באגעגניש. איהר זעלבסט־רעספּעקט, דער זעלבסט־רעספּעקט פון א פרוי, וועלכע האָט געפיהרט א ריינעם, א זויבערן, אונפערפלעקטען לעבען, האָט רעבעלירט און געפיהלט פערראכטונג געגען דער פיינהייט פון דיא מענער, וועלכע זיינען שקלאפען פון פּיזישער ליידענשאפט, א ליידענשאפט וואָס מאכט זייערע הערצער פערדאָרבען.

דיא גאנצע מענשהייט איז איהר געוואָרען איבערדריסיג, ווען זיא פלעגט נור א טראכט טהאָן וועגען דיא שמוציגע געהיימניסע פון דער תאוה, פון דיא ליבעהאבערייען, וואָס פערדארבען דעם מענשען, פון אלע בענעהמונגען און געהיימניסען פון דיא בעציהונגען צווישען מענער און פרויען.

פריהלינג און זומער זיינען אריבער. און ווען דער הערבסט איז אָנגעקומען מיט זיינע רעגענדיגע וועטערן, מיט זיין גרויען הימעל און דיא נעדריגטע, פינסטערע וואָלקענס, האָט זיא דערפיהלט, אז דאָס לעבען איז איהר ניט ניחא. אלעם האָט איהר דערעסען, און זיא האָט בעשלאָסען צו מאכען איינע און דיא לעצטע אנשטריינגונג אָבצונעהמען פּאָולעט'ן פון יענער פרוי.

מעגליך, אז דעם יונגען־מאנס תאוה איז שוין מיעד געוואָרען, האָט זיא זיך געטראכט, און איצט איז שוין צייט, אז זיא זאָל זעהען אויף איהם ווירקען. זיא האָט איהם אוועקגעשיקט א בריעף, פול מיט געבעט:

„מיין טהייער קינד — האָט זיא איהם געשריבען — איך בעט דיך, איך פּאָדער פון דיר, דו זאָלסט קומען צוריק צו מיר. דערמאָן זיך אז איך בין שוואך, אלט און קראנק און עלענד, איינע אליין יאָהר אויס, יאָהר איין, בלויז מיט א דיענסט. איך לעב איצט אין א קליינעם הויז, נאָהענט פון וועג און איך בין זעהר אונגליקליך. אָבער ווען דו וואָלסט געווען אין דער היים, וואָלט אלעם געווען געענדערט. איך האָב דאָך

קיינעם ניט אין דער גאַנצער וועלט א חוץ דיר, און מיר האָבען זיך ניט געזעהען שוין צייט זיעבען יאָהר!

„דו ווערסט קיין מאָל ניט וויסען וויא אונגליקליך איך בין געווען און וויא איך האָב געביינקט נאָך דיר דיא גאַנצע צייט. דוא ביסט געווען מיין לעבען, מיין טרוים, מיין איינצעלנע האָפנונג, מיין איינציגע ליעבע; איך האָב זיך אַזוי געגוויטהיגט אין דיר און דו האָסט מיך אוועקגעוואָרפען. אה, קום צוריק, מיין ליעבעס קינד, מיין פּאָולעט, קום צוריק צו מיר, קום צוריק צו דיין מוטער, וועלכע שטרעקט אויס צו דיר איהרע אָרעמס. — זשאַנע.“

אין עטליכע טעג אַרום, האָט ער געענטפערט מיט פאָלגענדען בריעף:

„מיין טהייערע מוטער: געווים וואָלט איך וועלען קומען צוריק אַהיים. אָבער איך האָב קיין גראָשען ניט. שיק מיר עפּעס געלד, וועל איך קומען. אין דער ווירקליכקייט, האָב איך אַליין געוואָלט פאָהרען צו דיר אום איבערצוריידען מיט דיר וועגען א פּלאַן, וועלכער וואָלט מיר געבען דיא מעגליכקייט צו ערפיעלען דיין וואונש.

„דיא ליעבע און טרייע איבערגעבענהייט פון דער פרוי, וועלכע איז געווען מיין שותפ'טע אין לעבען און אין דיא שווערע טעג, אין וועלכע מיר קומט אויס אַזוי שווער צו קעמפּפען, איז אַבסאָלוט אונבעגרעניצט. עס איז פאַר מיר אונמעגליך, אַז מיר זאָלען ווייטער אַזוי בלייבען און איך זאָל עפּענטליך ניט אַנערקענען זיא. אַז זיא איז מיין טרייע, איבערגעבענע געליעבטע. און א חוץ דעם איז זיא זעהר אַן אַנשטענדיגע פרוי, מיט גוטע מאַניערען. און דוא ווערסט דאָס געווים שעצען אין איהר. זיא האָט געהאַט א גוטע ערציהונג און איז דערצו זעהר באַלעזען.

„דוא קענסט זיך שוין פאָרשטעלען וואָס זיא איז דיא גאַנצע צייט געווען פאַר מיר. איך וואָלט געוועזען א ווילדע חיה, אויב איך וואָלט ניט געוויזען איהר מיין דאַנקבאַרקייט. און דאַרום בעט איך דיך, דוא זאָלסט געבען דיין צושטימונג צו אונזער הייראַטה. דוא זאָלסט מיר מוחל זיין מיינע נאַרישקייטען און מיר וואָלטען לעבען אַלע צוזאַמען אין דיין נייעם הויז.

„ווען דוא וואָלסט זיא קענען, וואָלסט דוא זיכער גלייך געגעבען דיין צושטימונג. איך פערזיכער דיך, אַז זיא איז העכסט אָרהענטליך און זעהר איידעל ערצויגען געוואָרען. איך צווייפעל ניט, אַז דוא וואָלסט זיא געליעבט. און וואָס מיר אַנבעלאַנגט, קען איך ניט לעבען אָהן איהר.

„איך וואַרט מיט אונגעדולד אויף דיין ענטפער, און מיר ביידע שיקען דיר אונזער ליעבע. — דיין זוהן גראַף דעלאַמאַר.“

זשאַנע איז געווען ערשטוינט. זיא איז געזעסען אונבעוועגליך מיט'ן בריעף אויף איהר שויס. זיא האָט געטראָפען דעם פּלאַן פון דער פרוי, וועלכע האָט געהאַלטען איהר זוהן צוגעבונדען צו זיך און וועלכע האָט געוואַרט אויף דער געלעגענהייט ווען דיא אַלטע מוטער וועט מעהר קיין כח ניט האָבען צו קעמפּפען געגען איהר.

א שרעקליכען וועהטאָג האָט זיא דערפיהלט אין הארצען, דיינקענדיג איבער דיעזער ליעבע פון איהר זוהן, וועלכער פערבייט נאָך פאַר „דיעזע באַשעפענעס“ זיין מוטער. און זיא האָט געהאַלטען אין איין מורמלען.

— ער ליעבט מיך ניט, ער ליעבט מיך ניט.

ווען ראָזאַליע איז אריינגעגאַנגען אין צימער זיינען דיא ערשטע ווערטער זשאַנע'ס געווען:

— הערסט, ער וויל דאָך מיט איהר הייראַטהען.

— אַ, מאַדאַם! — האָט ראָזאַליע געענטפערט ערנסט — דאָס טאָרט איהר

ניט ערלויבען. מאסיע פּאול טאָר ניט חתונה האָבען מיט דיעזער באַשעפּענעס, און ער וועט ניט!

— קיין מאָל ניט! ראָזאַליע, קיין מאָהל ניט! — האָט זשאַנע איהר נאָכגעזאָגט ענטשלאָסען, ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיא איז געוועזן אַזוי צובראָכען — און דוא זעהסט דאָך, ראָזאַליע, ער וויל ניט קומען, איהם קימערט ניט. איך מוז פאָהרען און ברייננגען איהם אַהיים און מיר וועלען זעהען ווער עס וועט אויספיהרען!

זיא האָט באַלד זיך געזעצט שרייבען פּאולען אַ בריעף און מודיע זיין איהם, אַז זיא פאָהרט צו איהם; ער זאָל זעהען אראַנזשירען וויא צו זעהען זיך מיט איהר און זיין פאַרטיג צו פאָהרען מיט איהר צוריק אַהיים און אָבזעגענען זיך מיט דער פרוי, מיט וועלכער ער האָט געוואָהנט צוזאַמען ביז איצט.

זיא האָט אָנגעהויבען פאַרטיג מאַכען זיך צו דער רייזע, וואַרטענדיג אין דערזעלבער צייט אויף פּאולס ענטפער. ראָזאַליע האָט איינגעפּאַקט אין איהר אַלטע קאַסטען איהרע קליידער, איהרע וועש. ווען זיא האָט גענומען צונויפלייגען איהר בעסטע קלייד, האָט ראָזאַליע אויסגעשריען:

— וועה מיר, איהר האָט דאָך קיין רעכטע קלייד ניט וואָס אָנצוטהאָן! איך וועל אייך ניט לאָזען פאָהרען אַזוי, עס איז דאָך אַ שאַנדע; מיר וועלען זיך דאָך אַלע מוזען שעהמען, ווען דיא פּאַריזער דאַמען וועלען אייך אָנקוקען. זיי וועלען אויף אייך קוקען וויא אויף אַ דיענסט.

זשאַנע האָט געלאָזען זיא טהאָן ווי זיא פאַרשטעהט, האָט זיך געלאָזט פיהרען פון איהר קיין גאָדערסוויל און האָט אויסגעקליבען עפּעס געפּינטעלטע גרינע שטאָף, וועלכע זיי האָבען געגעבען אַ שניידערקע אויפצונעהען אַ שעהנע קלייד. זייענדיג אין שטעדטעל האָבען זיי שוין בעזוכט דעם נאָטאַריוס, וועלכער איז יעדען יאָהר געוועזן אין פּאַריז און פלעגט דאָרט פערברייננגען גאַנצע צוויי וואָכען יעדען מאָל. זשאַנע איז דאָך שוין ניט געוועזן אין פּאַריז צייט אַכט און צוואַנציג יאָהר.

דער נאָטאַריוס האָט איהר געגעבען עצות וויא זיא זאָל זיך אויסהיטען אין דער גרויסער שטאָדט פון אַן אונגליקס־פּאַל, ווען זיא וועט געהן אין דיא קאָכינגע גאַסען, וויא זיא זאָל זיך אויסהיטען אַז מען זאָל זיא ניט בערויבען.

— דאָס געלד נעהט מען בעסער איין אין דיא קליידער און מען לאָזט ביי זיך נור אַזוי פיעל קליינגעלד וויפיעל מען דאַרף האָבען יעדען טאָג אויף הוצאות.

ער האָט איהר אויך געשילדערט דיא רעסטאָראַנס און וויפיעל עס קומט אויס צו בעצאָהלען פאַר אַ מאָלצייט; ער האָט איהר אָנגערופען איינינגע נעמען פון רעסטאָראַנס, וועלכע זיינען די פּאַסינגסטע פאַר פרויען.

ער האָט איהר אויך רעקאָמענדירט זיא זאָל אריינפאָהרען אין האָטעל נאָרמאַנדיע וואָס איז נאָהענט פון וואקזאַל און וואו ער שטעהט אַלע מאָל איין, ווען ער איז נור אין פּאַריז. זשאַנע קען זאָגאַר אָנגעבען זיין נאָמען אַלס אַ רעקאָמענדאַציע און זיין נאָמען איז גוט גענונג, זיא וועט בעקומען אַ גוטע בעהאַנדלונג.

דיא אייזענבאַהנען, וועגען וועלכע מען האָט אַזוי פיעל גערעדט אַלס א וואונדערליכע נייע ערפינדונג וויא שנעל צו פאָהרען, האָט נאָך זשאַנע קיין מאָל ניט געזעהען. שוין זעקס יאָהר וויא עס איז דורכגעפיהרט געוואָרען אַן אייזענבאַהן צווישען האַוור און פּאַריז. אָבער וואָס האָט זשאַנע דערפון געוואוסט? זיא איז צופיעל געוועזן פערנומען מיט איהרע צרות, אַז זיא זאָל באַמערקען וואָס פאַר דיעזע יאָהרען איז פאָרגעקומען אין דער וועלט. זיא האָט נאָך קיין מאָל ניט געזעהען דיעזע משונה גרויסע וועגען מיט דאַמף־מאַשינען, וועלכע האָבען געמאַכט אַן איבערקעהרעניש אין דיעזען טהייל פון לאַנד.

פון פּאול'ען איז קיין ענטפער ניט אָנגעקומען אויף איהר בריעף. זיא

האט געוואָרט א וואָך, צוויי וואָכען, גע־הענדיג יעדען אין דע' פריה אנטגע־גען דעם פּאָסטאַליאָן און פלעגט פרע־גען מיט א ציטערנדער שטימע :

— האט איהר אָפּט מאָל ניט א בריעפעלע פאר מיר, פאטער מעלאנ־דעין ?

און דער מאן וועמעס קול איז פערהארטעוועט געוואָרען פון אלערליי וועטערן, אין וועלכע איהם פלעגט אויסקומען ארומצוגעהען, פלעגט יע־דען מאָל ענטפערן :

— היינט קיין זאך ניט, ווערטהע מאדאם.

דאָס האט מסתמא יענע פרוי ניט געלאָזען פאולען ענטפערן ! און זשאנע האט דארום בעשלאָסען זיך צו פאָה־רען, ניט ווארטענדיג מעהר אויף א בריעף פון איהר זוהן. זיא האט גע־וואָלט, אז ראָזאליע זאָל מיט איהר אויף פאָהרען, אָבער די דיענסט האט זיך אָבגעזאָגט. צו וואָס מאכען נאָך איבעריגע הוצאות ?

ראָזאליע האט ניט ערלויבט איהר מאדאם צו נעהמען מיט זיך מעהר וויא דריי הונדערט פראנק.

— אויב איהר וועט דארפען מעהר — האט זיא געזאָגט — דאן שרייבט מיר און איך וועל געהען צום נאטאריוס און וועל זעהען ער זאָל דאָס אייך צושיקען. אָבער אויב איהר וועט נעהמען מיט זיך מעהר, בין איך זי־כער, אז מאסיע פאול וועט פון אייך אוועקנעהמען וויפיעל איהר זאָלט ניט האָבען.

עס איז געווען א פריהמאָרגען אין דעצעמבער ; ראָזאליע מיט זשאנען האָבען זיך אריינגעזעצט אין דעניס לעקאקס פוהר און זיינען געפאָהרען צום וואקזאל. זיי האָבען געקויפט א בי־לעט, און ווען אלעס איז געווען פאר־טיג, דער באגאזש בעזאָרגט, זיינען זיי געשטאנען לעבען דיא אייזערנע רעלסעס און האָבען געוואָרט, זוכענדיג צו פארשטעהען וויא דאָס איז אלעס איינגעאָרדענט געוואָרען, אז די גרוי־סע וואגאָנעס מיט'ן דאמפף־מאשין טראָגען זיך אויף דיעזען וועג. זיי זיי־נען געווען אזוי פערטיעפט אין דיא בע־טראכטונגען, אז זיי האָבען אויף דער־ווייל פארגעסען דעם צוועק פון זשא־נעס פאָהרען.

ענדליך האָט זיך פון דער ווייט דערהערט א שניידענדער פייף און א הוזשען און זיי האָבען דערזעהען פון ווייטען א גרויסע שווארצע מאשינע, וועלכע טראָגט זיך אלץ נעהענטע־צו זיי.

דיא אונגעהייערע דאמפף־מאשין איז פערביינגעלאָפען פערביי דיא צוויי פרויען מיט א שוידערליכען גערויש, שלעפענדיג מיט זיך א רייהע פון קליי־נע, פאָהרענדע הייזער. א קאָנדוק־טאָר האט געעפענט א טהירעל ; זשא־נע האט זיך צוקוסט מיט ראָזאליע און איז אריין אין איינעם פון דיא קליינע פאהרענדע הייזער. ראָזאליע איז גע־בליעבען שטעהען אויפ'ן פּלאטפאָרמע און האט א געשריי געטהאָן :

— פאָהרט געזונדערהייט, מא־דאם ! א גליקליכע רייזע ; קומט שנעל צוריק !

— זיי געזונד, ראָזאליע !—האט צוריקגעשריען זשאנע.

דיא מאשין האט ווידער א פייף געטהאָן, און דיא גאנצע רייהע פון וואגאָנעס האָבען זיך א ציה געטהאָן פון סטאנציע ; פריהער לאנגזאם, דער־נאָך שנעלער און שנעלער, ביז זיי האָבען אָנגעהויבען געוואלטיג שנעל צו לויפען. אין זשאנעס קופע האָבען זיך אריינגעזעצט אין ביידע ווינקלעך צוויי מענער.

זשאנע האט געקוקט אין פענס־טערל אויף דיא פערמעס, דיא בוימער, דיא דערפער, וועלכע זיינען פערביינגע־לאָפען פאר איהרע אויגען מיט אזא לייכטער שנעלקייט. זי האט געפיהלט, אז מיט איהר האט זיך אָנגעהויבען א נייער מין לעבען, אז זיא געהט עפּעס אין א נייער וועלט, וועלכע איז איהר אונבעקאנט, אָבער וועלכע איז אין גאנצען אנדערש פון דער מאנאטאנער

אומגעבונג פון איהרע קינדער־יאָה־רען אָן.

ווען דער צוג איז אָנגעקומען קיין פאריז איז שוין געווען פינסטערליך. א מאַן האָט בעזאָרגט זשאנעס באגאזש, און זיא האָט נאָך איהם נערוועז נאָכ־געאיילט אין דער געדיכטער מאסע מיט מענשען; זיא איז כמעט געלאָ־פען, מורא האָבענדיג, אז אָט־אָט פערלירט זיא איהם.

ווען זיא איז אָנגעקומען אין קאנטאר פון האָטעל האָט זיא גלייך ער־קלעהרט, אז זיא איז רעקאָמענדירט פון דעם נאָטאריוס מ. רוססעל. דיא פרוי, וואָס איז געזעסען ביים שרייב־טיש, א גרויסע שטיק פלייש מיט אויגען, האָט א פרעג געטהאָן:

— ווער איז דאָס דער מאסיע רוססעל?

— וואָס הייסט, ער איז דער נאָטאריוס פון גאָדערוויל, וועלכער קומט אהער צו פאָהרען יעדער יאָהר — האָט זשאנע געענטפערט אין א פער־לעגענהייט.

— דאָס קען זיין; איך קען איהם ניט — האָט געזאָגט דיא פעטע פרוי — פערלאַנגט איהר א צימער?

— יא, מאדאם.

א האָטעל־דינער האָט א נעהם גע־טהאָן איהר טשעמאָדאַן און האָט זיא געפיהרט אויף דיא טרעפ צו ווייזען איהר דעם צימער. איהר איז געווען שווער אויפ'ן הארצען. זיא האָט זיך אוועקגעזעצט לעבען א קליינעם טישעל און האָט א בעט געטהאָן, מען זאָל איהר דערלאַנגען א טאסס בוליאָן מיט א שטיקעל הוהן. זיא האָט זינט אין דער פריה אין איהר מויל גאָרנישט גע־האַט. אָהן געשמאַק האָט זיא געגעסען איהר מאהלצייט פאר דער בעלייכטונג פון א ליכט און אין איהר קאָפּ האָ־בען זיך געדרעהט טויזענד געדאנקען.

זיא האָט זיך דערמאָהנט אויף איהר נסיעה קיין פאריז ווען זיא האָט זיך צוריקגעקעהרט פון איהר האָניג־רייזע באלד נאָך דער חתונה און דיא שגעונות פון זשוליאַנס כאראקטער, וועלכע האָבען זיך שוין דאַן ארויסגע־וויזען. אָבער דאַן איז זיא געווען יונג, פערטרויליך און האָפנונגספול. איצט פיהלט זיא, אז זיא איז שוין אלט, מוטהלאָז און זאָגאר צושראָקען, שוואך און נערוועז, און קומט אין פער־לעגענהייט איבער דער מינדעסטער קליינינקייט.

ווען זיא האָט געענדיגט איהר מאהלצייט האָט זיא זיך אוועקגעשטעלט ביים פענסטער און האָט ארויסגעקוקט אויף דיא געפאַקטע גאסען אונטען. זי האָט געוואָלט ארויסגעהען דורכגעהן זי זיך, אָבער זיא האָט זיך ניט ענטשלאָ־סען. זיא וועט געווים פערבלאָנזשען, האָט זיא געטראַכט, און זיא האָט זיך בעסער געלייגט שלאָפען, פארלעשענדיג פריהער דאָס ליכט.

אָבער דער טומעל, דאָס בעוואוסט־זיין, אז זיא געפינט זיך אין א פרעמ־דען פלאַץ און דיא אויפרעגונג פון דער רייזע, האָט זיא ניט געלאָזען איינ־שלאָפען. ביסלעכווייז איז דער טו־מעל פון דרויסען געוואָרען שטילער און שטילער, אָבער איהר קיין רוה האָט דאָס ניט געבראַכט; דיא האַלב־שטילקייט פון דער גרויסער שטאָדט האָט זיא געמאַכט פיהלען נאָך אונ־רוהיגער. זיא איז געוועהנט געווען צו דיא רוהיגע שטילקייט, צו דער טיע־פער שלאָף־שטילקייט פון לאַנד, וואָס פארשלעפערט אלעס, מענשען, חיות און פפלאַנצען. און איצט האָט זיא גע־פיהלט, אז ארום איהר איז עפעס א שטילע אונרוהיגקייט.

קולות, כמעט אונהערבארע, האָ־בען דורכגעדרונגען, וויא איהר האָט זיך געדוכט, דורך דיא וועגד פון האָ־טעל אין האָבען געהוזשעט אין איהרע אויערען. ווײלע וויין פלעגען דיא די־לען א קרעכץ טהאָן, א מאָל א סקריי־פען פון א טהיר אָדער א קלונג פון א גלעקעל.

פלוצלונג, א זייגער צוויי פארטאָג, ווען זיא האָט נור וואָס געהאַלטען שוין ביים איינשלאָפען, האָט זיך דערהערט דער שניידענדער געשריי פון א פרוי

אין צוויטען צימער; זשאנע האט זיך א כאפ געטהאן און איז געבליעבען זיצען אין בעט. איהר האט זיך געדוכט דערנאך, אז זיא הערט א מאן'ס געלעכטער. דאן, ווען עס האט אנגעהויבען צו טאגען האבען זיך אנגעהויבען צו מישען איהרע געדאנקען וועגען פאולען. אזוי גיך, וויא דער מארגען־שטערען האט זיך געוויעזען אין הימעל, האט זיא זיך שוין אנגעטהאן.

פאול האט געוואהנט אין דער גאס דע־סואוואזש אין שטאדט. זיא האט גערעכענט, אז זיא וועט געהען אהין צופוס; זיא האט געפאלגט ראזאליעס אנזאג, צו זיין אויסגערעכענט און ניט צו מאכען קיין צו גרויסע הוצאות. דער וועטער איז געווען א שעהנער; דיא קאלטע לופט האט געקנייפט איהר געזיכט; מענשען זיינען מיט אימפעט געגאנגען איילענדיג אהין און צוריק.

זשאנע איז געגאנגען אזוי שנעל וויא זיא האט נור געקענט, געהענדיג מיט א גאס, וועלכע מען האט איהר אנגעוויעזען; ביים ברעג פון דיעזער גאס, וויא מען האט איהר ערקלעהרט, דארף זיא זיך א נעהם טהאן רעכטס, דאן לינקס, און דאן וועט זיא צוקומען צום סקווער זאל זיא ערשט א פרעג טהאן דעם ווייטערען וועג. זיא איז געגאנגען, געגאנגען און האט דעם סקווער ניט געקענט געפינען, האט זיא זיך אנגעהויבען נאכפרעגען ביי א בעקער, וועלכען זיא האט בעגעגענט. דער בעקער האט איהר אנגעהויבען מאהלען, אז זיא דארף זיך גאר א נעהם טהאן אין אן אנדער ריכטונג, ניט וויא מען האט איהר פריהער געזאגט.

זיא האט אויף דאס ניי אנגעהויבען געהן אין דער אנגעוויזענער ריכטונג, האט זיך אבער ווידער פארפלאנטערט, האט פארבלאנזשעט אן א זייט; האט אנגעהויבען נאכצופרעגען זיך פון דאס־ניי, איז פארקראכען אין אנדערע גאססען, האט זיך ענדליך אין גאנצען פערלארען און ניט געוואוסט וויא ארויסצוקומען אויפ'ן ריכטיגען וועג.

זיא איז שוין געווען צושראקען און האט ארומגעוואנדערט אהן א צוועק. זיא האט געוואלט צורופען א קארעטע, וויא זיא איז פלוצלונג אויסגעקומען לעבען דער סיינע. זיא האט אהן א צוועק געוואנדערט איצט אין דער לייננ פון ברעג.

א שטונדע האט זיא אזוי געוואנדערט, ביז זיא איז ענדליך קוים ארויסגעקומען אין גאס דע־סואוואזש. דאס איז געווען א שמאלע, פינסטערע, שמוציגע געסעל. זיא האט זיך אבגעשטעלט אין פראנט פון איין הויז, איז געבליעבען שטעהן ביים טהיר. זיא איז איצט געווען אזוי צוטומעלט, אז זיא האט ניט געקענט מאכען קיין טריט ווייטער. אט דא וואהנט דאס איהר פאולעט, אין דיעזען הויז.

זיא האט געפיהלט וויא ביי איהר ציטערען הענד און פיס. אן אנשטרענגונג האט זיא געמוזט מאכען אריינצוגעהן. זיא איז דורכגעגאנגען דעם קארידאר, האט געזעהען דעם קאנסערזוש'ס ביורא, האט ארויסגענומען א מטבעה און האט א בעט געטהאן דעם קאנסערזוש:

— ווילט איהר אזוי גוט זיין ארויפגעהן צו מאסיע פאול דע לאמאר אין וואהנונג און זאגען איהם, אז אן אלטע דאמע, א פריינד פון זיין מוטער וואלט זעהר וועלען מיט איהם ריידען?

— ער וואהנט דא שוין מעהר ניט, מאדאם — האט דער מאן איהר געענטפערט.

א ציטער איז דורכגעלאפען איהר גאנצען קערפער.

— וואו וואהנט ער איצט? — האט זיא צושראקען געפרעגט.

— דאס ווייס איך ניט — האט דער מאן געזאגט.

זיא האט געפיהלט, אז אט־אט וועט זיא אומפאלען. א ווייל איז זיא געשטאנען און האט קיין ווארט ניט געקענט אויסריידען. דאן האט זיא געמאכט אן אונגעהייערע אנשטריינגונג און האט קוים ארויסגעשטאמעלט דיא פראגע:

— און ווען האָט ער זיך ארויס־געקליעבען ?

— מיט א וואָכען צוויי צוריק האָ־בען זיי זיך ארויסגעקליעבען — האָט דער מאַן ערקלעהרט — זיי זיינען גאָר איינפאך אוועק איין נאכט און זיינען צוריק ניט געקומען. פון זיי האָט אַלעמען געקומט געלד. קענט איהר דאָך שוין פארשטעהען פאר וואָס זיי האָבען דאָ ניט איבערגעלאָזען זייער נייעם אדרעס.

זשאַנע האָט דערזעהען פונקען ליכט פאר זיך, אזוי וויא עפּעס וואָלט זיך אנצינדען פאר איהרע אויגען, א גאַנ־צער שטראָם פון פייער האָט זיך צוגאָ־סען פאר איהרע בליקען, אזוי וויא אימיצער וואָלט עפּעס א הארמאַט אויסשיסען געגען איהר. אָבער דער פערלאַנג אלעם אויסצוגעפינען האָט איהר געגעבען כוחות צו האלטען זיך אויף דיא פיס און זאָגאר ניט ארויס־ווייזען איהר אויפרעגונג.

— הייסט דאָס, אז ער האָט גאָר־נישט געזאָגט איידער ער האָט זיך ארויסגעקליעבען פון דאנען ?

— ניין, קיין זאך ניט. זיי זיי־נען אוועק איין אבענד און זיינען צו־ריק מעהר ניט געקומען. דאָס איז אלעס.

— קומט דען ווער ניט צוגעהען נאָך זיינע בריעף ?

— א סך אָפטער איידער זיי קע־נען ביי מיר דיא בריעף בעקומען. אָבער זיי פלעגען דאך קיין פיעל בריעף ניט ערהאלטען. הלואי צעהן בריעף פאר א גאנצען יאָהר. ניט מעהר. נור דא, בעפאָר זיי זיינען אוועק, מיט א טאָג צוויי פריהער, האָב איך זיי דערלאנגט א בריעף, וועלכער איז זיי אָנגעקומען.

דאָס האָט געמוזט זיין איהר בריעף.

— הערט — האָט זיא איהם עפּעס מיט א מין אימפּעט א זאָג געטהאָן — איך בין זיין מוטער און איך בין דאָס געקומען נאָך איהם. אָט האָט איהר צעהן פראנק. אויב איהר וועט זיך דערוויסען וואָס וועגען איהם, וואו ער וואָהנט אָדער וואָס, זייט אזוי גוט און קומט דאָס מיר זאָגען. איהר וועט מיך געפינען אין האָטעל נאָרמאנדיע, אין האָוור'ער גאַס, און איך וועל אייך גוט בעלוינען.

— זעהר גוט. איהר קענט זיך אויף מיר פערלאָזען, מאדאם — האָט דער קאנסערזש געענטפערט.

און זשאַנע איז אוועק.

איהר האָט איצט ניט געאַרט וואו־הין זיא געהט. אָבער געגאנגען איז זיא שנעל אזוי וויא זיא וואָלט ער־געץ געדארפט איילען צו א בעשטימטער צייט. זיא איז כמעט געלאָפען און האָט זיך אָנגעשטויסען אן מענשען, וואָס האָבען געטראָגען פּעקלעך. זיא איז אריבערגעגאנגען גאסען, ניט וויסענ־דיג אליין וואו זיא געהט און ניט האָ־בענדיג אפילו אין זינען אויסצוהיטען זיך אין דיא קאָכיגע גאסען פון קארע־טען, דיא קוטשערס פון וועלכע האָבען זיא שטארק געזידעלט ; זיא האָט זיך אָנגעשטויסען אן פלאנקענס, פלעגט שיער אריינפאלען אין קאנאוועס און איז אלץ געגאנגען, לחלוטין ניט זעהענדיג וואָס ארום איהר טהוט זיך.

פלוצלונג האָט זיא זיך דערזעהען אין א גארטען. זיא איז געווען אזוי אויסגעמאַרטערט, אז זיא האָט זיך אראָבגעלאָזען אויף א באנק.

א לאַנגע צייט האָט זיא דאָרט גע־מוזט זיצען, וויינענדיג שטילערהייט פאר זיך, וואָרום פערבייגעהער פלע־גען זיך אָבשטעלען און קוקען אויף איהר. זיא האָט דאן דערפיהלט וויא א קעלט האָט זי אָנגעכאפּט און זיא האָט זיך אויפגעכאפּט און אָנגעהויבען ווייד־טער צו געהען. זיא איז געווען שרעק־ליך מיעד און צובראָכען, אז איהרע פיס האָבען זיך אָבגעזאָגט פון צו באווע־גען זיך.

איינינגע מאָל האָט זיא זיך גע־וואָלט אָבשטעלען, אריינגעהען אין א רעסטאָראַן וואָס צוצובייסען, אָבער זיא האָט מורא געהאַט ; זיא האָט גע־פיהלט, אז מען קען אויף איהר פּנים

דערקענען אין וואָס פאר א פערצווייפעלטען צושטאנד זיא איז.

זיא פלעגט זיך אָבשטעלען לעבען א רעסטאָראַן, אריינבליקען און ווען זיא האָט דערזעהען וויא מענשען זיצען ארום די טישען פלעגט זיא גלייך אנטלויפען שנעל.

— ניין — פלעגט זיא זאָגען — איך וועל אריינגעהען אין א צווייטען.

אָבער אויך ביי א צווייטען איז געווען דיזעלביגע זאך און זיא איז ניט אריינגעגאנגען אין צווייטען און דריטען וויא זיא איז ניט אריין אין ערשטען.

ענדליך האָט זיא געקויפט א קליינע בולעטשקע אין א בעקעריי און האָט אָנגעהויבען צו עסען אין גאס. זיא איז געווען אויך זעהר דורשטיג, אָבער ניט וויסענדיג וואוהין זיא קען אריינגעהען א טרונק טהאָן, איז זיא געבליבען א דורשטיגע.

איהר איז אויסגעקומען פערבייגעהען פערביי אן ארקע, און אריינגעהענדיג אין א טויער איז זיא אויסגעקומען אין א גאָרטען ארומגערינגעלט מיט ארקען-טויערן. זיא האָט דערקענט דעם פלאץ, דאָס איז געווען דער פאליי-ראיאל. דיא זונן האָט געוואַרעמט פון אויבען און פון איהר שנעלען געהען איז זיא שטארק דורכגעוואַרעמט געוואָרען, האָט זיא זיך צוגעזעצט א ווײלע אין דיעזען גארטען, און געבליבען זיצען איז זיא ביי א שטונדע אָדער צוויי.

א גאנצע מאסע שפּאַצירענדע זיינען געווען אין דיעזען עלעגאנטען גאָרטען, יענע פערפוצטע און פרעהליכע, מונטערע שפּאַצירענדע מאסען, וואו די פרויען זיינען אזוי שעהן, וואו דיא מענער זיינען אזוי רייך אָנגעטהאָן, געזונד און פריש — מענשען וואָס לעבען נור פאר פערגעניגען און ווייזען זיך דער וועלט.

זשאנע האָט געפיהלט, אז זיא איז דאָ גאָר ניט אויפ'ן פלאץ; זיא איז ניט קיין פאסיגע פיגור אין דיעזער מונטערער, עלעגאנטער, פערגעניגענדליכער געזעלשאפט. זיא איז געזעסען, געזעסען און האָט זיך ענדליך אויפגעהויבען צו געהען. אָבער פלוצלונג איז איהר ארויפגעקומען א געדאנק, אז עס קען זיין אז איהר פאול געפינט זיך דאָ צווישען דיעזע פרעהליכע שפּאַצירענדע, און זיא האָט אָנגעהויבען צו געהען צווישען דיא רייהען שפּאַצירענדע און האָט זיך צוגעקוקט צו יעדען פּנים מיט בעזונדער אויפמערקזאמקייט.

מענשען האָבען זיך אומגעקוקט, ווער דאָס איז אזוינס, וואָס קוקט זיי אזוי פאַרשעמט אן; אנדערע האָבען זיך זאָגאר צולאכט און אָנגעוויזען אויף איהר מיט דיא פינגער. זיא האָט דאָס באמערקט, האָט זיא גענומען לויפען, ווארום זיא האָט שוין פערשטאנען, אז זיא ציהט אויף זיך אלעמענס אויפמערקזאמקייט אין דיעזער קליינשטעטלדיגע קלייד, וועלכע ראָזאליע האָט פאר איהר אויסגעקליעבען און וועלכע א דאָרפישע שניידערין האָט פאר איהר אויפגענעהט. זיא איז אזוי געלאָפען, אז זיא האָט אפילו ניט געוואגט א פרעג צו טהאָן דעם וועג ביי פערבייגעהער.

אָבער ענדליך האָט זיא אימיצען א פרעג געטאהן און האָט קוים געפונען איהר וועג צום האָטעל. זיא האָט פערבראכט דעם איבריגען טהייל פון טאג זיצענדיג אויפ'ן שטוהל לעבען צופוסען פון איהר בעט. דערנאָך האָט זיא געגעהעי א ביסעל זופ און געגעסען א שטיקעל פלייש, מעכאניש האָט זיא דאס געטאהן אזוי וויא ניט מיט איהר ווילען, א ; אזוי איז זיא געגאנגען שלאָפען.

אויף מאָרגען האָט זיא זיך געווענדעט צו דער פאָליציי און האָט געבעטען דיא רעגיערונגס-בעאמטע, אז מען זאָל איהר העלפען אויסגעפינען איהר זוהן. מען האָט איהר אין פאָליציי-סטאציא גאָרנישט פארשפראָכען, אָבער מען האָט איהר געזאגט, אז מען וועט דאס האבען אין זינען.

זיא האָט ווייטער ארומגעוואנדערט אין דיא גאסען אלע׳ן טאָמער וועט זיא

בענגענענען ערגעץ איהר פאולען. זי האט זיך איצט געפיהלט מעהר עלענד, מעהר פערלאזען און אונגליקליך אין מיטען פון דער קאכינגער שטאדט איידער זיא פלעגט זיך פיהלען אין דיא פעלדער צו לאנד.

וויא עס איז געווארען נאכט איז זיא ווידער א צובראכענע, אן אויסגעמאר־טערטע אוועק אין איהר האטעל. מען האט איהר דערצעהלט דארט, אז א מאן איז געוועזן און נאכגעפרעגט זיך אויף איהר און אז ער האט געזאגט דאס ער וועט קומען מארגען ווידער.

א שטראם בלוט האט זיך א גאס געטהאן איבער איהר געזיכט, איהר הארץ האט אנגעהויבען פעסט צו שלא־גען, און דיעזע נאכט האט זיא ניט צו־געשלאפען מיט אן אויג. פיעלייכט איז דאס געוועזן ער? יא, געוויס איז דאס געוועזן ער, פאול! אבער עפעס האט דיא בעשרייבונג ניט צוגעפאסט זיך, זיא האט זיך נאכגעפרעגט וויא דער מאן האט אויסגעזעהען און וויא מען האט איהר געשילדערט האט זיא ניט געקענט דערקענען איהר פאול.

א זייגער נייען אין דער פריה האט זיא דערהערט א קלאפ אין טהיר און האט א געשריי געטהאן:

— קומט אריין!

זיא איז אויפגעשפרונגען פארטיג צו אומארמען איהר זוהן. אבער אנ־שטאט פאולען איז א פרעמדער מענש אריינגעקומען. נאך דעם וויא דער פרעמדער האט געבעטען פערצייהונג וואס ער בעלעסטיגט זיא האט ער ער־קלעהרט, אז ער איז געקומען איינקא־לעקטירען א חוב, וואס איהם קומט פון איהר זוהן.

און ריידענדיג מיט איהם האט זשאנע דערפיהלט, אז טרערען שטרא־מען איהר פון דיא אויגען; זיא האט געזוכט צו שטיקען אין זיך דיא טרעה־רען און זיא האט זיי געזוכט אבצו־ווישען אזוי גיך וויא זיא האט זיי דער־פיהלט.

דער מאן האט ערקלעהרט, אז ווען ער איז געקומען צו פאולען אויפ׳ן קווארטיר מאנען זיין חוב האט ער איהם ניט געפונען און דער קאנסערזש האט איהם געלאזט וויסען, אז פאול דע־לא־כאר׳ס מוטער איז דא, איז ער דאס גע־קומען. ער האט איהר דערלאנגט א פא־פיער, וועלכען זיא האט מעכאניש גע־נומען. זיא האט איבערגעלייענט דעם ציפער, אין גאנצען 90 פראנק, האט זיא ארויסגענומען דאס געלד און האט איהם דערלאנגט.

דיעזען טאג איז זיא שוין פון הויז ניט ארויס. און אויף מארגען זיי־נען געקומען נאך מענשען מאהנען חובות זיא האט זיי אוועקגעגעבען וויע־פיעל זיא האט פארמאגט און האט פאר זיך מעהר ניט איבערגעלאזען וויא עט־ליכע פראנק. זיא האט געשריעבען רא־זאליען וועגען איהר לאגע.

טעג האט זיא געווארט אין פאריז זיא פלעגט ארומוואנדערען און ווארטען אויף אן ענטפער פון ראזאליע. זיא האט ניט געוואוסט וואס זיא זאל טהאן מיט זיך, זיא האט ניט געוואוסט וואו אהינ־צוטהאן זיך און דיא צייט איז געוועזן פאר איהר אזוי לאנג און אזוי שווער. זיא האט קיינעם ניט געהאט מיט וועמען א ווארט אויסצורעדען, פאר וועמען איהר הארץ אויסצוגיעסען און דיא אלע מענשען, וועלכע זיא האט געזעהען, האבען זיי דאך איהרע ליידען, איהרע יסורים ניט געוואוסט, האבען ניט גע־וואוסט וואס אין איהר הארצען טהוט זיך. זיא האט ארומגעבלאנזשעט אין פאריזער גאסען אהן א צוועק, ניט ווי־סענדיג וואוהין זיא געהט און צו וואס זיא געהט. זיא האט שוין געצווייפעלט, אויב זיא וועט נאר געפינען איהר זוהן.

איהר האט שוין איצט געצויגען צו דעם שטילען קליינעם הויז צו לאנד.

דאָרט וואו ראָזאַליע איז. פריהער האָט איהר געצוויגען ערגעץ און איהר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס הויז וואו זיא וואהנט איז צו קליין פאר דעם ים פון איהרע יסורים; איצט אָבער האָט זיא שוין געפיהלט, אַז נור דאָרט אין דער שטילקייט פון לאַנד און איינזאַמקייט איז דער פּלאַץ פאר איהר מיט איהרע טיעפע ליידען; זיא וואָלט דוכט זיך אין וועלכען עס איז אַנדער פּלאַץ ניט קענען לעבען.

ענדליך האָט זיא אין איין אָבענד ערהאַלטען א בריעף מיט צוויי הונ־דערט פראַנק. דאָס האָט איהר ראָזאַליע צוגעשיקט און האָט איהר געשריעבען.

— מאַדאַם זשאַנע, קומט צוריק אהיים וואָס שנעלער, ווארום מעהר קיין געלד וועל איך אייך ניט שיקען. און וואָס אַנבעלאַנגט פּאָול וועל איך אַליין פאָהרען נאָך איהם אַזוי גיך ווי מיר וועלען ערהאַלטען נאַכריכט וואו ער איז. איך שיק אייך מיינע איבער־געבענע גרוסען און קומט וואָס ניכער.

— אייער דיענסט ראָזאַליע.

עס איז געווען א קאַלטער שנעע־איגער פריהמאָרגען, ווען זשאַנע האָט פערלאָזען פאריז און איז געפאָהרען צו־ריק אין איהר דאָרפישע וואָהנונג קיין באַטעוויל.

## צוריק אהיים

נאָך דעם ווי זי איז געקומען אהיים, איז זי ניט ארויסגעגאַנגען פון שטוב. זי איז געבליעבען דיא גאַנצע צייט אין הויז ערוואַרטענדיג וואָס עס וועט זיין. יעדען פריה־מאָרגען איז זי אויפ־געשטאַנען אין דערזעלבער שטונדע, האָט ארויסגעקוקט אין פענסטער אויפ'ן וועטער און דאַן אַראָבגעגאַנגען פון איהר צימער און געזעסען אין זאַאל ביים קאַמין.

זיא פלעגט דאָרט זיצען טעג לאַנג אונבעוועגליך מיט איהרע אויגען גע־ווענדעט צום פייער און אַזוי וויא א צו־געשמידטע פלעגט זי זיך ניט ריהרען פון פּלאַטץ; זיא פלעגט נור אין איהר פאַנטאַזיע וואַנדערן ווייט, ווייט און אין איהר קאָפּ פלעגען ווידער אמאָל דורכגעהן אַלע בילדער, אַלע פּאַסירונ־גען און בעגעבענהייטען פון איהר פער־גאַנגענעם אונגליקליכען לעבען.

ביסלעכווייז פלעגט דונקעל ווערן אין צימער; און זיא פלעגט זיך אַלץ ניט ריהרען פון אָרט, אָבוואהל פון צייט צו צייט פלעגט זיא אונטערוואַרפען א שטיקעל האָלץ אין'ם ברענענדען פיי־ער, ווען עס פלעגט האַלטען ביים אויס־געהן. ווען עס פלעגט גאַנץ פינסטער ווערען פלעגט ראָזאַליע אריינברענגען א לאַמפּ און אויסשרייען:

—מאַדאַם זשאַנע! וואָס הייסט דאָס? איהר מוזט דאָך האָבען אביסעל בעוועגונג. איהר וועט דאָך באַלד שוין אין גאַנצען פערליערען דעם אַפּעטיט אפילו צו עסען. איהר וועט דיעזען אָבענד מסתמא ווידער ניט וועלען קיין זאַך אין מויל נעהמען.

זשאַנע האָט אָנגעהויבען פער־פּאָלגט זיין פון קראַנקהאַפטע געדאַנ־קען. איהר האָט זיך געדוכט, אַז עפּעס שלעכטעס וועט קומען, אַז עפּעס וועלען אונגליקען פּאַסירען. און ווידער אמאָל און נאָך אמאָל פלעגט פאר איהר ער־שיינען די פערגאַנגענהייט, די אַלטע, פערגאַנגענהייט, מיט דיא וויכטיגסטע פּאַסירונגען — איהרע האָניג־מאָנאַטען דאָרט ווייט אויף דער רייזע קיין קאָר־סיקאַ. פון די ברענענדע פלאַמען האָבען זיך אויפגעהויבען פאר איהר דיא לאַנד־שאַפטען פון יענעם פּרעכטיגען אינזעל. און מערקווירדיג, יעדע איינצעלהייט פון דער רייזע פלעגט ארויפשווימען אין איהרע עראינערונגען — אַלע געזיכטער, וועלכע זיא האָט דאָרט בעגעגענט.

זיא האָט זיך דערמאָהנט אויף

זשאַן ראַוואַלי, דעם וועג ווייזער פון קאַ־סינאָ. זיין פּנים האָט איהר אָנגעהויבען צו פערפאָלגען; צייטענווייז האָט זיך איהר געדוכט, אז זיא הערט אפילו זיין שטימע. און דאן פלעגען איהר ארויפקו־מען די גוטע יאהרען, ווען פּאול איז גע־ווען א קלייניקער, זיין קינדהייט, דיא צייט ווען זיא פלעגט פאר איהם בע־ארבייטען זיין גערטעלע, ווען זי פלעגט זיך שטעל'ען אויף דיא קניע אויף דעם ווייכען גרונד לעבען טאַנטע ליזאן, ביי־דע זוכענדיג וויא בעסער צו האווירען דעם קינד, ווי צו טרעפען זיין פערלאנג.

— פּאָולעט, מיין ליבינקער פּאָו־לעט.

און ווען דיעזע עראינערונגען פלע־גען איהר ארויפקומען פלעגט זיא מורמלען:

עס האָט אויסגעזעהען אזוי וויא ער וואלט געווען א קלייניקער לעבען איהר און זיא רעדט צו איהם. און דאן, ווען איהר טרוים פלעגט זיך ענדיגען פלעגט זיא מיט'ן מיטעל־פינגער אויס־שרייבען אין דער לופט זיין נאָמען. זיא פלעגט לאנגזאם אויספיהרען די בוכ־שטאבען געגען פייער און איהר פלעגט זיך אמאָל אָבדוכטען, אז דער בוכשטאב "פּ„ איז ניט קלאָהר, ניט בולט אדער אז זיא האט דאָ עפּעס געמאכט א טעות אין אויסלייגען דעם נאָמען, און זיא פלעגט אָנהויבען ווידער צוריק פון אָנ־הויב דעם נאָמען.

ענדליך ווערענדיג מיעד און ער־שעפּט, פלעגט זיא אָנהויבען מישען דיא בוכשטאבען, פארמישען אנדערע ווער־טער און צום סוף אויפהערען, זייענדיג צומישט, צוטומעלט, נערוועז. אין איהר האָבען זיך געוויזען אלע מאַניעס פון איינזאמע מענשען. ווען מען האָט אי־בערגערוקט אדער געענדערט דעם פּלאַץ פון דער קלענסטער זאך אין צימער, האָט דאס זי געהיצט, געמאכט נערוועז.

ראָזאַליע האָט זיך געבעטען, פלעגט צושטעהען מיט פעסטקייט, זי זאל זיך דורכגעהן שפּאַציערען, זאָל ניט זיצען אויף איין פּלאַץ, און פלעגט זי אמאָל צווינגען, זי זאָל זיך ווייניגסטען דורכ־געהן אויפ'ן וועג הין און צוריק. אָבער וויא עס פלעגען אריבערגעהען צוואנציג מינוט, פלעגט זיא ערקלערען: „איך קען ניט געהן ווייטער, ראָזאליע." און זיא פלעגט זיך אוועקזעצען ביי דער זייט פון וועג לעבען קאַנאַווע און בלייבען אזוי זיצען.

אין גיכען איז שוין יעדער בע־וועגונג פאר איהר געוואָרען אונמעגליך און זיא פלעגט מעהרסטע צייט ניט ארויס פון בעט. פריהער איז איין גע־וואָהנהייט ביי איהר געבליעבען פון קינדהייט, אויפצושטעהען אזוי גיך ווי זיא האָט אויסגעטרונקען איהר אין־דער־פריה'עדיגע טאסס קאפּעע, און זע־הען, אז דיא טאסס איז דיעזעלביגע, אין וועלכע זיא טרינקט אימער. ווען עס וואָלט חלילה פּאסירט, אז עס וואָלט ניט געווען אזא טאסס וואָלט זיא זיך געפיהלט אונגליקליך דערפון; אונגליקליכער וואָלט זיא דאָס איצט געפיהלט איידער יעדע אַנדער זאך.

יעדען פריה־מאָרגען פלעגט זיא ווארטען מיט אונגעדולד ביז ראָזאליע וועט צו איהר ארויפקומען, אָבער מיט א מין ליידענשאפטליכע אונגעדולד; און אזוי גיך וויא דיא פולע טאסס קאַ־פּעע פלעגט אוועקגעשטעלט ווערען לע־בען איהר אויף דעם קליינעם טישעלע לעבען בעט, פלעגט זיא זיך אוועקזע־צען און אויסזופּען עס ביז'ן דעק מיט פערגעניגען. זיא פלעגט דאן אראָב־ווארפען פון זיך דיא דעקע און אָנהוי־בען אָנטהאָן זיך. דערנאָך האָט זיא זיך ביסלעכווייז איינגעוואָהנט צו בלייבען ליגען עטליכע מינוט נאָך דעם וויא זיא האָט אויסגעטרונקען איהר טאסס קאפּעע, און פון טאָג צו טאָג זיינען צוגעקומען עטליכע מינוט פון'ם פוילען זיך אויפצושטעהען באלד.

עס איז געקומען אזוי ווייט, אז ראָזאליע פלעגט שוין מוזען אריינלויפען אין צימער און אזוי וויא איבער גע־וואלט צווינגען זיא, אז זיא זאָל זיך אָנטהאָן. ביי איהר איז שוין כמעט גאָר ניט געווען קיין ווילען; יעדער אייגענער ווילען איז פארשוואונדען, און

יעדען מאָל וואָס דיא דיענסט האָט געפרעגט איהר עצה אָדער איהר מיינונג וועגען וואָס ניט איז, פלעגט זיא ענטפערען תמיד דיעזעלבע ווערטער:

— טהו וועגען דעם וויא דוא פארשטעהסט, ראָזאַליע.

זיא איז געוואָרען אזוי אבערגלויביש, וויא דיא מענשען פון דיא מזרח־לענדער און זיא האָט פעסט געגלויבט, אז זיא ווערט פערפאָלגט פון בייזען שיקזאל, אז זיא האָט קיין מזל ניט. זיא איז שוין אזוי צוגעוועהנט געוואָרען צו זעהען איהרע טהייערסטע האָפנונגען צובראָכען און איהרע זיסעסטע טרוימען זאָלען חרוב ווערען, אז זיא איז שוין געוואָרען צומישט און האָט שוין ניט געקענט פארשטעהען קיין זאך, האָט ניט געוואגט צו טראכטען פאר וואָס דאָס איז עפּעס אזוי אויסגעפאלען, וויא אזוי דאָס קומט און ז. וו. זיא פלעגט אָבלייגען פון טאָג אויף טאָג, ווען זיא פלעגט דארפען טהאָן דיא מינדעסטע זאך, און דאָס איז געוועזן דערפאר, ווייל זיא האָט געגלויבט אָדער האָט מורא געהאט טאָמער וועט זיך אויסלאָזען שלעכט וואָס זיא זאָל ניט טהאָן; פיעלייכט וועט זיא גאר טהאָן ניט אזוי וויא מען דארף. יעדען מאָל, ביי יעדער געלעגענהייט פלעגט זיא נור זאָגען איין זאך:

— אז איך האָב קיין גליק ניט געהאט אין מיין לעבען.

ראָזאַליע פלעגט אָבער א בייזער טהאָן זיך:

— היינט וואָס וואָלט איהר שוין זאָגען, ווען איהר וואָלט דארפען פערדינען אייער ברויט, דארפען זאָרגען פון וואָס צו לעבען, און ווען איהר וואָלט דארפען אויפשטעהען יעדען אין דער פריה אום זעקס א זייגער און געהען טהאָן עפּעס, הארעוועז? און ווייסט איהר, אז עס זיינען פאראן א גרויסע צאהל פרויען, וועלכע מוזען פּראצעווען אום זייער אויסקומענעס צו האָבען, און ווען זיי ווערען אלט און קענען שוין גאָר מעהר ניט טהאָן וואָס, מוזען זיי נעביך שטארבען אין הקדש.

— אָבער דוא פארגעסט זיך, ראָזאַליע, אז איך בין דאך אזוי עלענד, אזוי עלענד אין דער וועלט; איך בין דאך איינע אליין, ראָזאַליע; מיין זוהן האָט מיך אוועקגעוואָרפען — האָט געענטפערט זשאנע.

— טאָ איז וואָס? — פלעגט דיא דיענסט בייזלעך ענטפערען — און ווי איז וועגען דיא אלע זיהן, וואָס מוזען דינען פאר סאָלדאטען, און אזעלכע וואָס פאָהרען אין גאנצען אוועק קיין אמעריקא אום דאָרט זייער גליק צו געפינען?

פאר ראָזאַליע איז אמעריקא געווען עפּעס אן אונבעשטימטע מין לאנד, וואוהין מענשען פאָהרען גליקליך ווערען און פון וואנען זיין קומען שוין מעהר ניט צוריק.

— עס קומט א צייט — פלעגט זיך ראָזאַליע בייזלעך צוריידען ווייטער, וויא זיא וואָלט איהר מוסר געזאָגט — אלע מאָל מוז קומען אזא צייט, ווען מענשען מוזען זיך צושיידען, ווארום אלט און יונג זיינען ניט בעשאפען געוואָרען אויף צו לעבען צוזאמען.

א מאָל פלעגט זיא גאָר א געשריי טהאָן:

— נו, היינט וואָס וואָלט איהר שוין טהאָן, ווען ער וואָלט גאָר געשטאָרבען, וויא עס פּאסירט א מאָל?

זשאנע פלעגט נאָך דעם שוין בלייבען שטיל און מעהר ניט בעקלאגען זיך.

דער פריהלינג איז ווידער געקומען, און אין דיא ערשטע טעג פון פריהלינג האָט זיא זיך דערפיהלט עפּעס לעבעדיגער, שטארקער; זיא האָט געוואָנען א ביסעל קראפט. אָבער דאָס האָט נור איהר געהאָלפען, אז זיא זאָל זיך ווידער א מאָל קענען אריינטראכטען אין איהרע עראינערונגען און איהר גאנצע ביסעל טהעטיגקייט איז בעשטאנען אין דיעזע פערצווייפעלטע טראכטענס.

איין אין דער פריה איז זיא ארויפגעגאנגען אין אויבערשטיבעל און האָט דאָרט גענומען דורכזוכען דיא אלטע זאכען; איהר איז געקומען צו דער־

האנד א קאסטען, אין וועלכען עס זיינען געווען אנגעלייגט אלטע קאלענדארען, וועלכע זיינען דארט אוועקגעלייגט געווארען, וויא דיא דארפיגע טהוען געוועהנליך.

זיא האט זיי צונויפגענומען און אראבגעטראגען. צווישען זיי זיינען געווען גרויסע קאלענדארען און קליינע, אלערליי, און זיא האט זיי אנגעהויבען סארטירען אויפ׳ן עסס־טיש. פלוצלונג האט זיא א לייג געטהאן איהר האנד אויף איינעם; דאס איז געווען דער ערשטער קאלענדאר, וועלכען זיא האט מיט זיך געבראכט אין „פאפעל־בוימער".

א לאנגע צייט האט זיא ניט געקענט אבררייסען פון איהם דיא אויגען. — דארט זיינען געווען אויסגעשטריכען דיא טעג, זינט דעם אינדער־פריה, ווען זיא איז אבגעפאהרען פון רוען פון מאנאסטיר, אין וועלכען זיא האט זיך ערצויגען. און זיא האט אנגעהויבען וויינען. דיא טרעהרען האבען געפליסט שטיל נאכאנאנד פון דיא אויגען איבער איהרע באקען; דאס זיינען געווען טרעהרען פון אן אלטער, אונגליקליכער פרוי, וועלכע האט געקוקט אויף איהר חרוב־געווארענעם לעבען, וואס איז געלעגען פאר איהרע אויגען איצט אויפ׳ן טיש.

א פלוצלונגער געדאנק האט איהר אנגעכאפט, א געדאנק, וועלכער האט זיך וויא איינגעגעסען אין איהר געהירען, וויא א שרעקליכע, אונאויפהערליכע זאך; זיא האט געוואלט דערמאהנען זיך יעדען טאג פון איהר לעבען. זיא האט גענומען און אנגעשלאגען יעדער קאלענדער, דיא פערגעלטע, אלטע בלעטער אויף דיא וואנד, און האט זיך אוועקגעשטעלט קוקען אויף איינציגע בלעטלעך. עטליכע שטונדען נאכאנאנד געשטאנען ביי איין בלעטעל, זוכענדיג צו עראינערען זיך: וואס האט פאסירט אין דיא טעג פון דיעזען בעשטימטען מאנאט?

אזוי וויא אויף זיי זיינען געווען אונטערגעשטריכען יענע טעג, אין וועלכע עס האט פאסירט, וואס עס איז ווערטה געווען צו געדיינקען, האט זיא דורך דעם וואס זיא האט אליין אונטערגעשטריכען, געקענט אויפשטעלען צוריק אין איהר עראינערונג גאנצע מאנאטען, קלייבענדיג אין איהרע געדאנקען איין פאסירונג נאך דער אנדערער, אזוי איינס צו איינס, ביז זיא האט געבילדעט גאנצע מאנאטען, גרופירענדיג דיא פאסירונגען, צונויפשליסענדיג איינע מיט דיא אנדערע, אזוי אלעס וואס עס איז פארגעקומען אין א בעשטימטען פעריאד.

מיט א מין פערהארטעוועטע עקשנות, מיט א שטארקע אנשטריינגונג פון ווילענסקראפט, קאנצענטרירענדיג אלע איהרע געדאנקען דערויף, איז איהר געלונגען צונויפצושטעלען אין איהר זכרון דיא ערשטע פאאר יאהר פון איהר לעבען אין „פאפעל־בוימער", און אזוי זיינען דיא זכרונות פון דאס אמאליגע ארויפגעשוואומען פון אויבען און דאס האט איהר געגעבען א בעפריעדיגונג, א טרויסט.

אבער נאך די ערשטע פאאר יאהר איז שוין אלעס געווען ווידער פערוואלקענט, מיט א טומאן בעצויגען, אונבעשטימט, און ער זיינען געקראכען עראינערונגען אויף עראינערונגען, פלאנטערנדיג איינס מיט דאס אנדערע.

און מאנכע טעג פלעגט זיא שטונדען לאנג בלייבען שטעהען אנגעבויגען איבער א קאלענדער, אנשטריינגענדיג איהרע געדאנקען צו עראינערען זיך דיא פערגאנגענהייט; אבער זיא האט עפעס ניט געקענט אפילו דערמאהנען זיך, אויב דאס איז געווען טאקע דער ריכטיגער קאלענדער, וועלכער קען ארויסברייינגען פאר איהר דיא בילדער פון יענעם יאהר אדער פון יענע יאהרען, פון וועלכע דיא עראינערונגען זיינען אזוי פערשוואונדען.

און דאן, ווען דיא זאפט פון דיא בוימער איז ארויס גערופען געווארען ווידער פון דיא שטראהלען פון דער זונן, וועלכע האט זיי ערווארעמט, ווען

אויף דיא פעלדער האָט ווידער אָנגעהויבען צו וואקסען און דיא קנאָספּען האָבען זיך אָנגעהויבען צוצולאָזען, ווען דיא עפּעל־בוימער אין גארטען האָבען זיך באדעקט מיט בליהונג אזוי וויא שנעע־קוילען און האָבען אָנגעפילט דיא לופט מיט בשמים־ריחות, איז זיא בעפאלען געוואָרען פון א שטארקע אויפרעגונג.

זיא האָט ניט געקענט איינשטעהען אָדער איינזיצען אויף איין פלאץ און פלעגט ארומגעהען הין און צוריק צוואנציג מאָל א טאָג. זייענדיג בעפאלען מיט דיעזער אונרוהיגקייט, פלעגט זיא לאנג אזוי ארומשפאציערען, געהען פון איין פלאץ צום אנדערען, אזוי שטענדיג הין און צוריק, אז זיא פלעגט קומען צוריק אין הויז א מיעדע, אן אויסגעמארטערטע, א צובראָכענע.

דאָס אנזעהען פון דיא ראמאשקע־בלומען צווישען דיא גראָז; א זונען־שטראהל, וואָס פלעגט א שפּיעל טהאָן צווישען דיא בלעטער; א לוזשע וואסער, וואָס פלעגט אָבשפּיגלען דיא אזשור בלויקייט פון הימעל; דאָס אלעס האָט זיא בעאונרוהיגט. דאָס איז געווען דערפאר, ווייל דאָס אלעס האָט איהר צוריקגעבראכט אין געדעכטנים לאנג־פארגעסענע געפיהלען, אזוי וויא זיי וואָלטען געווען עכאָ'ס, ווידער־קלאנגען פון איהרע עמפּפינדונגען, שטימונגען און געפיהלען פון איהרע מיידעלשע יאָהרען.

אין יענער צייט ווען איהר צוקונפט איז פאר איהר געווען פערשלייערט מיט א געהיימנים פון אונבעוואוסטזיין און דורכגעוועבט מיט ליכטיגקייטס־שיין, האָט זיא געהאט דאן אלס מיידעל די־זעלביגע געפיהלען, האָט דאן דורכגעלעבט דיזעלביגע בעטרונקענהייט, וועלכע קומט מיט דיא ערשטע טעג פון פריהלינג. אין הארצען האָט זיא געפיהלט דעמזעלבען צויבער פון דער אויפבליהענדער נאטור. אָבער אין דערזעלבער צייט האָט זיא דערפון געליטען; אזוי וויא דיעזע אייביגע פרייד פון דער נאטורס בליהען, וואָס דאָס האָט ניט דורכגעדרונגען איהר צורונצעלטע הויט, איהר דינעס בלוט, איהר צובראָכענע נשמה, וואָלט דאָך מעהר ניט געקענט ערוועקען אין איהר א שמערצליכע, א יסורים'דיגע ליידענשאפט.

עס האָט אויך אויסגעזעהען אזוי וויא אלעס וואָס עס איז ארום איהר וואָלט זיך עטוואָס געענדערט. דיא זונן איז נים געווען אזויווארעם, וויא זיא האָט געווארעמט ווען זשאנע איז געווען יונג; דער הימעל האָט גע־האט א בלייכערע בלויקייט, דיא גראז א בלאסערע גרינקייט און דיא בלומען האָבען ניט געהאט אזא שארפען בשמים ריח און אזעלכע בונטע קאָלירען און האָבען זיא ני. אזוי בעטרונקען אזוי וויא אין דיא יונגע יאָהרען.

זיא האָט געוואנדערט און געוואנדערט שטונדען לאנג מאנכעס מאָל, אזוי וויא זיא וואָלט געווען געצויגען פון דעם אונרוהיגקייטס געפיהל, וואָס האָט אָנגעפילט איהר הארץ. אָפט פלעגט זיא זיך אָבשטעלען ביי דער זייט פון וועג און פלעגט זיך פערטראכטען וועגען עפּעס טרויעריגעס. פאר וואָס איז זיא ניט געליעבט געווען אין דער יוגענד אזוי וויא אנדערע. פרויען ווערען געליעבט? פאר וואָס איז זיא געווען געראובט פון דיא איינפאכסטע פריידען פון לעבען?

מאנכעס מאל פלעגט זיא פארגעסען אויף א ווייל, אז זיא איז שוין אלט, אז פאר איהר איז שוין קיין זאך ניט געבליעבען אויף וואָס צו האָפען, וואָס צו ערווארטען, א חוץ עטליכע טרויעריגע, טרוקענע יאָהר אין דיעזער וועלט, אז איהר לעבענס־וועג קומט שוין נאָהענט צו אן ענד, און זיא האָט געטרוימט וועגען פלענער פון גליק, וויא זיא וואָלט נאָך געווען נאָר א מיידעל. אָבער דאָס פלעגט ניט לאנג דויערען און דיא ווירקליכקייט פלעגט גלייך זיך ווייזען פאר איהר. זיא פלעגט זיך אויפהויבען א צובראָכענע, אזוי וויא איהרע לענדען וואָלט געווען געבויגט פון א שווערער משא.

זיא פלעגט דאן אוועקשלעפּען זיך צום הויז, מורמלענדיג:

— א, דוא אלטע נאַר! דוא אלטע נאַר!

ראָזאליע פלעגט ניט אויפהערען ריידען צו איהר, פאר וואָס זיא איז אזוי אונרוהיג און שלעפּט זיך ארום אָהן כוחות אָהן א שיעור.

— פאר וואָס זיצט איהר ניט רוהיג, מאַדאַם? וואָס טרייבט אייך שטענדיג ארומצוגעהען און ווערען פערמאַטערט?

— א, זעהסט — פלעגט זיא ענטפערען — איך בין גאָר אזוי וויא „הריגה" איז געווען אין דיא לעצטע טעג.

איין פריה־מאָרגען האָט זיא איהר אריינגעבראכט דיא קאַפע עפּעס פריהער אלס געוועהנליך און אוועקשטעלענדיג דיא טאַסס אויפ'ן טישעל האָט זיא א זאָג געטהאָן:

— טרינקט גיכער, מאַדאַם; דעניס איז ביים טהיר, ער וואַרט אויף אונז. מיר וועלען פאָהרען קיין „פּאָפּעל־בוימער", ווארום איך האָב דאָרט עפּעס וואָס צו טהאָן וועגען געשעפט.

זשאַנע איז דערפון אזוי בענומען געוואָרען, אז איהר האָט זיך געדוכט זיא פאַלט אין חלשות; זיא האָט זיך אָנגעטהאָן, דיא הענד האָבען זיך ביי איהר געטרויסעלט, זייענדיג צושראָקען און בעצוייבערט פון דעם געדאַנק, אז זיא וועט ווידער זעהען איהר אלטע היים. א ליכטיגער הימעל איז געווען פערשפּרייט איבער דער וועלט.

ווען זיי זיינען צוגעפאָהרען צו עטוּאוואַן האָט זשאַנע דערפיהלט וויא איהר פערכאַפּט דער אטהעם און ווען איהר בליק איז געפאַלען אויף דיא געמויערטע זיילען פון טויער, האָט זיא צו זיך אליין איבערגעזאָגט דריי מאָל: אה! אה! אה! אזוי וויא מיר שרייען אויס אינערליך א מאָל ווען עפּעס מאַכט אן איבערקעהרעניש אין אלע אונזערע געפיהלען.

אין גוילאר האָבען זיי אויסגעשפּאַנט דעם פערד; און אין דער צייט וואָס ראָזאליע און איהר זוהן זיינען אוועק אויספיהרען זייערע געשעפטען, האָבען דיא פערמער פאָרגעלייגט זשאַנען, זיא זאָל ארומגעהען בעקוקען איצט דעם שלאָס, אזוי וויא דיא ווירטהען זיינען ניטאָ צוהויז. זיי האָבען איהר געגעבען דעם שליסעל און זיא איז אוועק בעקוקען איהר געוועזענעם שלאָס אליין. און ווען זיא איז אריינגעקומען אין אלטען פליגעל, פון וועלכען עס זעהט זיך דער ים, האָט זיא זיך אָבגעשטעלט אום צו בעטראַכטען דעם אויסזעהען. אויסערליך האָט זיך קיין זאַך ניט געענדערט. אָבער אלע לאַדען זיינען געווען פערמאַכט.

א שטיקעל אָבגעטריקענטע צווייג איז ארויפגעפאַלען אויף איהר קלייד; ווען זיא האָט א הויב געטהאָן איהרע אויגען האָט זיא געזעהען וויא דאָס איז אראָבגעפאַלען פון לינדענבוים. זיא איז צוגעגאַנגען צום גרויסען בוים און האָט איהם אָנגעהויבען צו גלעטען אזוי וויא דאָס וואָלט געווען א לעבעדיגעס וועזען.

זיא האָט אָבגעשלאָגען א פוס אן א שטיקעל צופוילטע האָלץ, וואָס איז געלעגען אויף דיא גראָז. דאָס איז געווען דאָס לעצטע איבערבלייבעכץ פון דער באַנק, אויף וועלכען זיא איז געזעסען אזוי אָפט מיט איהרע עלטערען און אויף וועלכען זיא איז געזעסען דעם ערשטען מאָהל, ווען זשוליאַן איז געוועזען צוערשט געקומען צו גאַסט און זיא האָט איהם צום ערסטען מאָהל אין איהר לעבען געזעהען. זיא איז דאַן געגאַנגען צו דיא אינווענינסטע צימערן פון שלאָס: דורך דער שטורם־טהיר איז זיא געגאַנגען. שווער איז איהר געווען דיא טהיר אָבצושליעסען; דער שלאָס איז פערראָסט געוואָרען און דער שליעסעל האָט זיך ניט א דרעה געטהאָן אין שלאָס. אָבער עפענענדיג א פענסטער אין קאָרידאָר, האָט זיא ארויסגעקוקט אין דרויסען, כאַפּענדיג א בליק ארום און ארום איבער'ן גאַנצען האָריזאָנט און דאָס

האט זיא וויא אויף דאס ניי בעלעבט; דאס איז געווען דער האריזאנט וועלכע! זיא האט נאך געקוקט, ווען זיא האט גע־טרוימט פון ליעבע און הייראט, און אט איז דיא געליעבטע ביידעל אין וועל־כע זיא פלעגט זיצען, אט זיינען דיא רייהען בוימער, אז זעהט זיך דער גרוי־סער ים. און ערטערווייז מיט פלעקען פון ברוינע זעגלען, וועלכע האבען פון וויטען אויסגעזעהען אזוי אונבעוועג־ליך וויא זיי וואלטען שטעהען אויף איין ארט.

אין איהר מוטערס צימער האט זיא געפונען הינטערן טהיר, אין א פינסטע־רען ווינקעל א גאלדענע הארנאדעל, וועלכע זיא האט יאהרען צוריק אהין פערשטעקט און וועלכע זיא האט אמאל א לאנגע צייט געזוכט און האט ניט געקענט געפינען. זיא האט דאס גענומען און געקושט וויא א הייליגטהום.

זיא איז דורכגעגאנגען דאס גאנצע הויז, שטיל, אהן רויש, איינע אליין אין דעם גרויסען, שווייגענדיגען שלאס. פאר איהר איז דאס געווען א מין בית עולם. איז דען ניט איהר גאנצעס לעבען דא בעגראבען געווארען? זיא איז אריין אין זאאל. דיא לאדענס זיינען געווען פער־מאכט און דער צימער איז געווען פינ־סטער. אבער איהרע אויגען האבען זיך באלד צוגעוועהנט צו דער פינסטערקייט אין ביסלעכווייז האט זיא ענטדעקט די טאפעטען דעקארירטע מיט פויגלען. צוויי פאטעלען זיינען געבליבען שטעהן געגען קאמין, אזוי וויא דיא וואס זיי־נען אמאל געזעסען אין זיי, וואלטען זיך נור וואס אויפגעהויבען פון זייערע פלע־צער; און אפילו דער גערוך פון דעם פלאץ, דער גערוך, וועלכער איז נאך דארט פערבליעבען, האט דורכגעדרונגען זשאנע'ס נאזלעכער און האבען אין איהר ארויסגערופען עראינערונגען.

א געענדערטע איז זיא דא געשטא־נען, איהרע בליקען וויא צוגעשמידט צו דיא שטוהלען, זוכענדיג אנצופילען איה־רע לונגען מיט דעם אטהעם פון פער־גאנגענהייט. און פלוצלינג האט זיך איהר געדוכט אין איהרע האלוצינאציעס אז זיא זעהט קלאהר איהר פאטער און מוטער, וויא זיי ווארעמען זייערע פיס ביים פייער פון קאמין. א צושראקענע האט זיא אפגעטראטען צוריק צום טהיר, איז צוריקגעזונקען אנלעהנענדיג זיך אן טהיר אום ניט אומצופאלען און איהרע אויגען זיינען אלץ געבליבען ווי צוגעשמידטע צום קאמין.

אבער אט איז דיזע פארשטעלונג פערשוואונדען. איינינע מינוטען איז זי געווען צושראקען; דאן האט זיא זיך ווידער געשטארקט און האט בעשלאסען גלייך צו פערלאזען דעם צימער, מורא האבענדיג אז זיא זאל אין גאנצען פון זינען ניט אראב. צופעליג איז איהר בליק געפאלען אויפן טהיר און זיא האט דערזעהען פאולעטס מאס, דיא סמנים, וועלכע זיא פלעגט מאכען וויפיעל ער איז צוגעוואקסען. זיא האט געזעהען דיא צייכענס, דיא ציפערן, דיא מאנאטען און דיא יאהרען — דאס וואקסען פון איהר קינד.

און זשאנען האט זיך געדוכט, אז איהר אמאליגעס קינד איז איצט פאר איהרע אויגען מיט זיינע בלאנדע לא־קען, געפרעסט צום וואנד, וויא ווען זיי האבען איהם געמאסטען און דער בא־ראן שרייט אויס: זשאנע, ער איז דאך צוגעוואקסען א פערטעל אינטש פאר די לעצטע זעקס וואכען. זיא האט אנגעהוי־בען קושען דיא צייכענס מיט וואהנזיני־גער ליעבע.

אבער א שטימע האט זיא גערופען; דאס איז געווען ראזאליע.

— מאדאם זשאנע, מאדאם, אנ־בייסען איז פערטיג.

און זשאנע איז ארויסגעקומען פון שלאס א צוטומלעטע. זיא האט קוים פערשטאנען, וואס זיי האבען גערעדט צו איהר. זיא האט געגעסען וואס מען האט נעבען איהר אוועקגעשטעלט, האט געהערט זייערע רייד, ניט פערשטעהענ־דיג דעם געדאנק פון זייערע ווערטער; זיא האט גערעדט מיט דיא פערמער, וועלכע האבען זיך נאכגעפרעגט וואס זי

מאַכט, האָט זיך געלאָזען קושען און האָט אַליין געקושט צוריק דיא באַקען פון דיא, וועלכע האָבען זיא בעגריסט און ענדליך אריינגעזעצט זיך אין פוהרעל און אַוועקגעפאָהרען.

ווען זיא האָט שוין מעהר [illegible] גע־זעהען דעם הויכען דאך פון שלאָס, פאַר־שטעלט פון דיא הויכע בוימער ־רום, האָט זיא דערפיהלט עפּעס אז די פעדים פון איהר הארצען וואָלטען א פּלאַץ גע־טהאָן, ווארום זיא האָט געוואוסט, אז דאָס האָט זיא דעם לעצטען אָדיע גע־זאָגט אויף אייביג צו איהר אַלטע היים.

ווען זיא איז שוין געווען ביים הויז האָט זיא באַמערקט עפּעס ווייסעס אונ־טער'ן טהיר. דאָס איז געווען א בריעף, וועלכען דער בריעפטרעגער האָט גע־בראַכט אין איהר אַבוועזענהייט. זיא האָט גלייך דערזעהען, אז דאָס איז פון פּאָול'ן און זיא האָט איהם געעפענט מיט ציטערנדע הענד. ער האָט געשריבען:

— מיין טהייערע מוטער! איך האָב ניט געשריבען ביז אהער, ווייל איך האָב ניט געוואָלט אז דו זאָלסט מאַכען אַן אומזיסטע רייזע קיין פּאַריז, ווארום איך האָב געהאט אין זינען אַליין קומען זעהן זיך מיט דיר. געגענווערטיג בין איך אין זעהר א שווערער לאַגע. מיין פרוי שטאַרבט פון קינפּעט; זיא האָט געבוי־רען מיר א טאָכטערל מיט דריי טעג צו־ריק. איך האָב ניט קיין גראָשען געלד. איך ווייס ניט וואָס צו טהאָן מיט'ן קינד, וועלכע ווערט איצט גענעהרט דערוויל דורך א מילך־פלאַש. איך האָב אָבער מורא, אז איך וועל דאָס קינד פערלירען. וואָלסטו אפשר געקענט נעה־מען צו זיך דאָס קינד. איך ווייס ניט וואָס צו טהאָן און קיין געלד האָב איך ניט צו אַוועקגעבען עס האָדעווען אין דאָרף. זיי אזוי גוט און ענטפער מיט דער קומענדער פּאָסט. — דיין דיך ליע־בענדער זוהן, פּאָול.

זשאַנע האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף א שטוהל א צוטומעלטע, ניט האָבענדיג קיין כח אפילו צו רופען ראָזאַליען. ווען דיא דיענסט איז אריינגעקומען, האָבען זיי ביידע ווידער גענומען לעזען דעם בריעף.

— איך וועל פאָהרען ברייננגען דאָס קינד — האָט ראָזאַליע א זאָג גע־טהאָן — מיר קענען עס דאָרט ניט אי־בערלאָזען.

— זעהר גוט, ראָזאַליע — האָט זיא נור געקענט ענטפערען.

— נו, טהוט אָן אייער היטעלע, מאַדאַם — האָט ראָזאַליע געזאָגט — און מיר מוזען געהן צום נאָטאַריוס אין גאָדערוויל. אויב דיא פרוי שטאַרבט, דאַן מוז דאָך הערר פּאָול מיט איהר היי־ראַטהען פאַר'ן טויט פון'ם קינד וועגען. פערשטעהט איהר?

ניט ריידענדיג א וואָרט האָט זשאַ־נע אָנגעטהאָן איהר היטעלע. א טיעפע, בעהאַלטענע פרייד האָט אָנגעפילט איהר הארץ, א זינדיגע פרייד, וועלכע מיר בע־האַלטען מיט אַלע מעגליכקייט און זאָ־גען ניט אויס, דאָס איז איינע פון יענע שלעכטע פריידען, וועלכע מאַכען אונז רויט ווערען, אָבער וואָס מיר פיהלען שאַרף אין דיא טיעפסטע, געהיימע פעל־צער פון אונזער נשמה: איהר זוהן'ס ליעבהאַבערין שטאַרבט.

דער נאָטאַריוס האָט גענויע אינ־סטרוקציאָנען געגעבען ראָזאַליען וויא זי זאָל האַנדלען און ווען זי האָט דאָס אַלץ אריינגענומען אין זינען, האָט זיא א זאָג געטהאָן:

— נו, האָט קיין מורא ניט; איך וועל שוין אַלעס בעזאָרגען.

דיזעלבע נאַכט איז זיא אָבגעפאָה־רען קיין פּאַריז. צוויי טעג נאָכאַנאַנד איז זשאַנע געווען אין א נערוועזע אויפרעגונג, האָט אפילו ניט געקענט קלאָהר טראַכטען. אָבער אויף דעם דריי־טען טאָג האָט זיא ערהאַלטען א קורצען צעטעלע פון ראָזאַליען, וועלכע האָט מודיע געוועזען אז זיא קומט אָן מיט דעם פאַרנאַכטיגען צוג.

א זייגער דריי נאָכמיטאָג האָט זשאַנע בעשטעלט א פוהר און איז גע־פאָהרען צום סטאַנציע אַבוואַרטען ראָ־זאַליען. זיא איז געשטאַנען אויפן פּלאַט־פאָרם מיט דיא בליקען צוגעשמידט צום

האָריזאָנט. יעדע ווײלע פלעגט זיא א קוק טהאָן אויפן זייגער: נאָך צעהן מי־נוט. נאָך פינף מינוט. נאָך צוויי מי־נוט. שוין צייט און דער צוג ווייזט זיך נאָך עפּעס אלץ ניט.

אָבער פּלוצלינג האָט זיך געוויזען אין דער ווייט א ווייסער פלעק; דאָס איז געווען רויך פון לאָקאָמאָטיוו און דאן א שווארצע לאטע, וועלכע איז געוואקסען, צוטראָגענדיג זיך אלץ נעהנטער. ענדליך האָט דער שווערער לאָקאָמאָטיוו אָנגע־הויבען אָבצושטעלען זיך, איז פערביי זשאַנע און איז באלד געבליבען שטעהן. עטליכע טהירלעך האָבען זיך געעפענט, מענשען זיינען ארויסגעקומען: בויערן אין בלוזעס, דאָרפישע פרויען מיט קער־בעלעך; הענדלער מיט ווייכע היט. ענד־ליך האָט זשאַנע דערזעהען ראָזאליען, טראָגענדיג עפּעס א ווייסען פּעקעל. זיא האָט געוואָלט געהן אַנטקעגען, אָבער איהרע קניע האָבען זיך געבויגען. ראָזאַ־ליע האָט דערזעהען איהר ווירטהין און איז צוגעקומען מיט איהר געוויינליכער רוהיגקייט.

—גוטען טאָג, מאַדאַם. איך בין דא שוין צוריק און ניט אָהן צרות, ווי איהר זעהט. זיא איז געשטאָרבען לעצטע נאַכט: זיי האָבען חתונה געהאט פאר׳ן טויט און אַט איז דאס קינד.

זשאנע האָט מעכאניש גענומען דאס קינד און זיי האָבען זיך ביידע ארייג־געזעצט אין פוהר און געפאהרען אהיים. אויפ׳ן וועג האָט ראָזאליע איהר אָנגע־זאגט.

—הערר פאול וועט קומען באלד נאָך דער לויה, אפשר נאָך מאָרגען, טאַקע מיט דעמזעלבען צוג.

—פאול! — האָט געשעפּצעט זשאַנע און איז געבליבען שטיל.

דיא זוהן האָט געזונקען אין דער ווייט און האָט געבאָדען מיט איהרע גילדערנע ליכטיגקייט די גרינע פעלדער, האט בעגאסען פלעצערווייז מיט בלוט־רויטקייט דיא אזשור בלויע קאָלירען פון דיא קאָרן־בלומען. אן אונענדליכע רוהיגקייט האָט זיך צושפּרייט. זשאַנע האָט געהאלטען איהרע אויגען געווענ־דעט גלייך צום הימעל, נאָכקוקענדיג די האלב רונדע פליהעריי פון דיא שוואל־בען. דאן איז איהר שוים פּלוצלינג דורכ־גענומען געוואָרען פון א ווארעמקייט; דאס איז געווען דיא ווארעמקייט פון דאס קליינע עופה׳לע, וועלכעס זיא האָט געהאלטען אויף איהרע קניע.

אָן אונענדליך געפיהל האָט איהר בענומען. זיא האָט אויפגעדעקט דאָס פנים׳על פון קינד, ווארום זיא האָט דאס נאָך ניט אָנגעקוקט ביז איצט: איהר זוהן׳ס טאָכטער. און ווען דאס שוואכינ־קע בעשעפעניס האָט געעפענט דיא בלויע אויגעלאך אונטער דער ליכטיג־קייט פון דיא פערגעהענדע שטראהלען און האָט אן עפען געטאָן דאָס מיילכעל האָט עס זשאַנע געקוסט ליידענשאפט־ליך, שטיקענדיג דאָס עופה׳לע צו איהר ברוסט.

אָבער ראָזאליע, א גליקליכע, האָט בורטשענדיג זיא ניט דערלאָזען.

— הערט אויף, מאדאם זשאַנע: עס וועט זיך דאָך צוּוויינען איבער אייך.

און דאן, אזוי וויא ענטפערענדיג זיך אליין אויף איהרע אייגענע געדאנ־קען, האָט זיא א זאָג געטאָהן:

— איהר זעהט: דאָס לעבען איז קיין מאָל ניט אזוי שלעכט אָדער אזוי גוט, וויא עס דוכט זיך אונז אז עס איז.

ע נ ד ע.

# דיא פּאַבליק באַנק
# האָט א נייע היים

ריעזיגער ערפאָלג פון דער גרויסער אידישער פינאַנץ אינסטיטוציאָן.

## מעהר וויא 78,000 דעפּאָזיטאָרס

א טויזענד נייע דעפּאָזיטאָרס קומען צו יעדע וואָך.

דריי מיליאָן מיט פינף הונדערט טויזענד דאָלאר אין דעפּאָזיטס.

דיא נייע היים פון דער פּ אָ ב ל י ק ב א נ ק, איז אויף דעלענסי סטריט, קאָרנער לודלאָוו, איין בלאָק פון די טראָלי קארס און עלעווייטעד סטיישאָנס ביי די וויליאמסבורג ברידזש.

דיא פּאָבליק באַנק, האָט געבויעט דיעזע נייע געביידע, ווייל דיא פריהערדיגע איז ניט געוועזן גרויס גענוג פאר זיינע צעהנדליגע טויזענדע דעפּאזיטאָרס, וועלכע וואַקסען פון טאָג צו טאָג.

דאָס אליין רעדט שוין פיעל פאר דעם ערפאָלג פון דער פּאָבליק באַנק, אָבער דאָס איז בלויז אָן אָנפאַנג. דער פאקט איז, אז דיא פּאָבליק באַנק איז אזוי אונגעהייער אויסגעוואַקסען אז זיא איז יעצט דער וואונדער פון דער גאנצער פינאַנץ וועלט. דיא וואָס זיינען בעקאַנט מיט דער געשיכטע פון בענק, קוקען מיט גרויס בעוואונדערונג אויף דעם ריעזיגען ערפאָלג פון דער פּאָבליק באַנק. אזא זאך האָבען זיי נאָך קיין מאָל ניט געזעהען.

דער אמת אָבער איז, אז עס איז ניטאָ וואָס זיך צו וואונדערען. מר. מארקוס האָט ניט געעפענט א באַנק גלאַט אום צו זיין א באַנקיר. ער האָט געהאט א געוויסע מיסיאָן צו ערפילען. ער האָט געוואוסט, אז דיא אידען פון גרייטער ניו־יאָרק, וואָס זיינען דעפּאזיטאָרס, האָבען א געוויסען פערלאנג און מר. מארקוס איז געקומען זיי דיענען. ער האָט געפיהלט אז דיא אידישע דעפּאָזיטאָרס ליידען איינציגע מעהר אָדער וויינינגער ערענסטע אונבעקוועמליכקייטען ווען זיי דארפען געהן אָדער ווען זיי זיינען שוין אין באַנק, און ער האָט זיך אונטערגענומען זיי צו העלפען.

דערצו האָט ער געגרינדעט דיא פּאָבליק באַנק.

דיא פּאָבליק באַנק האָט איינגעפיהרט א גאַנץ נייע סיסטעם—א סיסטעם, וועלכע איז געוועזן פאר דיא טובה פון דיא דעפּאָזיטאָרס, נעמליך, צו האַלטען אָפען דיא באַנק דאַן, ווען דעם פּובליקום איז בעקוועם — פון 8 אזייגער אין דער פריה ביז 9 אזייגער אבענדס, און שבת ביז 10 אוהר אבענדס. דאָס האָט דיא פּאָבליק באַנק איינגעפיהרט, כדי די מענשען וואָס וועלען דארפען דעפּאָזיטען אָדער ארויסנעהמען געלד, זאָלען זיי דאָס קענען טהאָן צו יעדער צייט און זיי זאָלען ניט דארפען סטאפּען פון זייער ארבייט אָדער ביזנעס און דערביי פערלירען צייט און געלד. דיעזע סיסטעם האָט געשאפען זעהר פיעל בעקוועמליכקייט פאר דיא דעפּאָזיטאָרס פון דער פּאָבליק באַנק.

## ביינאהע $4,000,000 דעפּאזיטס

דיא פּאָבליק באַנק קאָרנער דעלענסי און לודלאָוו סט., נויאָרק.

יאָזעף ס. מארקוס, פּרעזידענט.

